# פּנקס — ווארשע —



דאָס ייִדישע פאָלק —
זײַנע קעמפער און מאַרטירער

J. Run.

# פנקס
# וואַרשע



---

אַרויסגעגעבן דורך דעם לאַנדסלײַט־פֿאַראיין פֿון וואַרשע און אומגעגנט אין אַרגענטינע

בײַ דער מיטאַרבעט פֿון אַרגענטינער „איקוף"



ערשטער באַנד

בוענאָס־אײַרעס 1955




# PINKES VARSHE

*Libro Recordatorio de la Población Judía de Varsovia*



---

*Editado por la SOCIEDAD de RESIDENTES de VARSOVIA y sus alrededores en Buenos Aires y patrocinado por el ICUF*



*Tomo I* — *Buenos Aires 1955*

## פנקס־קאָמיטעט:

פאָרזיצער: מאָטעס נאָבעל

סעקרעטאַריאַט: גדליה קאַליקשטיין

" שמואל קאַמינסקי

קאַסיר: ייִדל דיקשטיין

פּראָקאַסיר: משה גאָלדשטיין

**פינאַנצן און אַדמיניסטראַציע:**

קאַרלאָס נאַפּטאַל

נתן ראַדזאַנאָווסקי

יוסף לענגער

בעריש דאָמב

וועלוול סאַפּירשטיין

## רעדאַקציע:

**פיניע קאַין**

**אינזש' מאָטל זאַקין**

**גדליה קאַליקשטיין**

**שמואל קאַמינסקי**

רעדאַקציע־סעקרעטאַר:

**מענדל זאַקס**



**עס האָבן בײַגעטראָגן גרעסערע סומעס פאַר דער רעאַליזירונג פונעם פּנקס די פרײַנד:**

---

מאָטעק און שרה גוטגלאַס

מאיר און רבקה געלבלונג

הערשל און ראָזא גאָלדשטיין

ברידער און שוועסטער נאַפּטאַל

מאַנעס און גיטל שיינבוים, לזכרון זייער פאַרשטאָרבענער טאָכטער שרה

קלמן שטיין (ניו־יאָרק), לזכרון זײַן פרוי אסתר, וואָס איז געשטאָרבן דעם 22טן מײַ 1951 אין ניו־יאָרק

# אַ דענקמאָל און אַן עדות

א יי ב י ק ווועט לעבן אינעם געדאַנק פון ייִדן וואַרשע, העיר רבתי עם, די פּוילישע הויפּטשטאָט מיט איר ייִדישן לעבן און קאַמף, מיט איר ייִדישער גבורה און גײַסטיקייט, און אייביק וועלן ייִדן דערמאָנען מיט הויכער שאַצונג און אָנערקענונג די הונדערטער טויזנטער ברידער ייִדן וואָס האָבן אין וואַרשע געלעבט און געקעמפט און האָבן געשאַפן אירע גרויסע געזעלשאַפטלעכע און גײַסטיקע ווערטן אין משך פון דורות, און וועלן מיט הייליקן ציטער דערמאָנען די וואַרשעווער ייִדן, וואָס זענען אין די יאָרן פון דער גרויליקסטער מלחמה, דער נאַציִשער, אָפּגעשפּאַרטע אינעם וואַרשעווער געטאָ, פאַרפּײַניקט געוואָרן און אַרויסגעשיקט געוואָרן צו אויסשלאַכטונג אין די ברידער־קברים און צו פאַרגאַזונג אין די קרעמאַטאָריעס פון מײַדאַנעק, אָשוויענטשים און טרעבלינקע.

א יי ב י ק וועלן ייִדן מיט ברענענדיקן צאָרן שילטן דעם פינצטערן אָנדענק פון די פּײַניקער און מערדערס, ימח שמם וזכרם, די נאַציִשע אָנצינדערס פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און די אומברענגערס פון די זעקס מיליאָן ייִדן, צווישן זיי די הונדערטער טויזנטער וואַרשעווער, און אין איינעם דערמיט וועט בײַ ייִדן פאַרבלײַבן אַ שאַנדוואָרט און אַ מאוסקייט דער „יודענראַט“, וואָס באַצייכנט די ייִדן אויסוואָרפן, וואָס האָבן פאַר זייער נבזהדיקן חיי־שעה איבערגעגעבן צו פּײַן און צו טויט זייערע ברידער ייִדן.

א יי ב י ק וועלן ייִדן מיט דעם ציטער פון יִראת־הכבוד והרוממות דערמאָנען דעם ליכטיקן אָנדענק פון די העלדן פונעם וואַרשעווער געטאָ; פון די וואָס האָבן, אין די יאָרן פון פאַרשפּאַרונג, געמוטיקט און געטרייסט די אָפּגעשפּאַרטע מיט די האָפענונגען און מיט דעם גלויבן פון די גרויסע גײַסטער פון דער מענטשהייט און פונעם ייִדישן פאָלק וועגן דער וועלט פון גוטס און גערעכטיקייט, וואָס קומט פאַרבײַטן די וועלט פון רשעות און אומרעכט; פון די וואָס האָבן זיי, אין די גרעסטע סכנות, געהאַלטן פאַרבונדן מיט דער גרויסער קעמפנדיקער וועלט, דער אַנטינאַציִשער, און זיי אָנגעזאָגט די טריט פון דעם דערלייזער, פון דער באַפרײַערישער רויטער אַרמיי, און פון די, צום סוף, וואָס האָבן אין דער נאַכט פון 19טן אַפּריל 1943, אין דער סדר־נאַכט פון ה'תשי"ג, מיט פאַרצווייפלטער גבורה זיך אויפגעהויבן מיט געווער אין די הענט, העלדיש אָנגעזאַמלטן און היימיש צוגעגרייטן, קעגן געפאָרכטעטן שונא, און אינעם אונטערגעצונדענעם געטאָ אומגעקומען מיט דעם טויט פון גיבורים.

פ נ ק ס ו ו אַ ר ש ע איז אַ דענקמאָל אויפגעשטעלט פון די וואַרשעווער לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע יענע דורות וואַרשעווער ייִדן, וואָס האָבן מיט זייער לעבן און קאַמף, מיט זייער גבורה און גײַסטיקייט, זיך אַליין פאַראייביקט אין דער ייִדישער געשיכטע און אין דער געשיכטע פונעם פּוילישן פאָלק, אין דער געשיכטע פון דעם פּויליש־ייִדישן גײַסטיקן שאַפן; אַ דענקמאָל דעם בייזוויליק פאַרשניטענעם לעבן, קאַמף און שאַפן פון די הונדערטער טויזנטער וואַרשעווער ייִדן אונטער דער דײַטשער ממשלת זדון, די קרבנות אירע, אומגעבראַכטע מיט אַלערליי מיתות משונות, אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אומשלאַגלאַגערן, אין די אוויוונס פון מײַדאַנעק, אָשוויענטשים און טרעבלינקע, אין די אונטערגעצונדענע שילן מיט דאַוונערס, און די צעשיסונגען פאַר די ברידער־קברים, פון די קרבנות אַליין אויסגעגראָבענע, אויף די תליות, פון די קרבנות אַלײַן אויפגעשטעלטע, זיי מיט זייערע פרויען, מיט זייערע אַלטע לײַט און מיט זייערע יונגע קינדער.

אַ דענקמאָל — אַן עדות פון די גרויליקע מעשים פונעם רוצח, דעם פילקעפּיקן אויסוואָרף אין דער מענטשלעכער געשיכטע; אַן עדות פון אונדזער צער און נישט געשטילטן צאָרן און פון אונדזער שבועה קיין מאָל נישט צו פאַרגעסן וואָס עס איז געטאָן געוואָרן אין אָט דער צײַט פון נאַציִשער פאַרטעמפּונג און אַנטיסעמיטישער צערייצונג, צום ייִדישן פאָלק און באַזונדער צו אונדזערע וואַרשעווער ברידער ייִדן; אַן עדות פון אונדזער הייליקן

ציטער און יִראת הרוממות והכבוד ווען מיר דערמאָנען זייער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט, וואָס איז אונדזער אייגן בלוט.

פ נ ק ס  וו אַ ר ש ע  איז אַ דענקמאָל און אַן עדות פון אונדזער טיפער פאַרערונג און אייביקן דאַנק די העלדן — קעמפערס פונעם וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָבן מיט זייער אויפשטאַנד קעגן דעם שרעקלעך באַוואָפנטן און קאַלט־מערדערישן שונא אויף אייביק באַלויכטן מיט דער שײַן פון גבורה דעם אומוויליקן טויט פון די מיליאָנען אומגעבראַכטע יִדן, — אַ גבורה, וואָס האָט געקלאַפּט, אַ נישט־אַנטפּלעקטע, אין דער ברוסט פון דעם מערסטן טייל אומגעקומענע, די עלטערע ווי די יונגע, וואָס האָט געלעבט אין זיי אַ צוגעשטיקטע אונטער דער שווערער האַנט פון דעם באַצווינגער. וואָרעם די אויסגעהיטע און אויסבאַהאַלטענע שריפטן־עדות דערציילן אונדז וועגן דעם טראַגישן קלאַמערן זיך פון די וואַרשעווער יִדן אינעם לעבן, טאָג נאָך טאָג, און שעה נאָך שעה אונטער אָט דער שווערער האַנט און אונטער די שרעקלעכסטע אויסראָטונגס־תחבולות, מיט אַ נישט־אויסגעלאָשענער האָפענונג דעם שונא איבערצולעבן, כדי ווײַטער צו קענען ציִען דעם המשך פון דעם יִדישן פאָלקסלעבן אין פּוילן, כדי ווײַטער צו שפּינען די גאָלדענע קייט פון יִדישן פאָלקסשאַפן, ווי עס האָט דאָס אָנגערופן אונדזער יצחק לייבוש פרץ.

פ נ ק ס  וו אַ ר ש ע,  ווי אַ דענקמאָל, איז דערום דער אויסדרוק פון אָט דעם מעכטיקן פאַרלאַנג פון ווײַטערדיקן לעבן און שאַפן, וואָס די וואַרשעווער יִדן זענען מיט אים צום טויט געגאַנגען ווי מיט אַ  ש מ ע־י ש ר א ל  אויף די ליפּן און ווי מיט אַ צוואָה צו אונדז לעבן געבליבענע וואַרשעווער יִדן, ווו נאָר מיר געפינען זיך. ער איז אַ פאַרצייכענונג אָדער אַן אָנהייב פון אַ פאַרצייכענונג פון דער רײַכער ירושה וואָס זיי האָבן אונדז איבערגעלאָזט, אַן אָנגעלעבטע אין משך פון די דורות און יאָרהונדערטער לעבן און קאַמף און שאַפן אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט, וואָס איז אין משך פון די לעצטע אָנדערטהאַלבן הונדערט יאָר אויך געווען די הויפּטשטאָט פון דעם אינטענסיוון יִדישן געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן אין פּוילן. דערום אויך איז ער אַן אָנשלוס פון אונדז וואַרשעווער יִדן אין אַרגענטינע צו דער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־טעטיקייט פון די וואַרשעווער יִדן אינעם נײַעם פּוילן, וואָס מיר האַלטן זי פאַר דעם געטרײַען אויספאָלג פון דער צוואָה פון די אומגעבראַכטע פּוילישע יִדן. די יִדישע געזעלשאַפטלעכקייט און קולטור־אַרבעט אין פּוילן איז אין משך פון דורות געווען דער אויסדרוק פון דעם קאַמף און פון די שטרעבונגען בײַ די פּויליש־יִדישע פאָלקסמאַסן צו אַ לעבן פון רעכט און פרײַהייט, פון באַפרײַטער מי און באַפרײַטן נאַציאָנאַלן לעבן. הײַנט, ווען דער קאַמף איז אויסגעקעמפט און די שטרעבונגען זענען אַ ווירקלעכקייט, איז דאָס לעבן און דער קאַמף פון די יִדן אין פּוילן, די וואַרשעווער יִדן אײַנגעשלאָסן, אַ טייל פון דעם רעכטלעך־סאָציאַלן אויפבוי, וואָס האָט זיי שטענדיק אינספּירירט און זיי אַן ענדציל געגעבן.

---

פ נ ק ס  וו אַ ר ש ע,  ווי יעדער דענקמאָל, איז אַ קענצייכן פון דער פאַרגאַנגענהייט און איז דערום אין דער זעלבער צײַט אַ יִחוס־בריוו פאַר די וואָס שטעלן אים אויף. ער איז דער יִחוס־בריוו פון די וואַרשעווער לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע און ווו נאָר זיי געפינען זיך, בפרט פאַר די וואַרשעווער יִדישע פאָלקסמענטשן, וואָס האָבן אַליין אַ חלק אין דער אויסגעשטאַלטונג פון דעם יִדישן לעבן אין וואַרשע פאַר דער לעצטער וועלט־מלחמה מיט זייער טעטיקייט אין די אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס פון אָט דעם גרעסטן אין אייראָפּע צענטער פון יִדישער מאַסן־קולטור, יִדישער פּאָליטישער אַקציע און יִדישן אָנטייל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז אַ יִחוס־בריוו און אַן אידענטיטעט־קאַרטע, ווי פאַר קינדער פון אָט דער פּאָליטישער, סאָציאַלער און קולטור־סביבה, וואָס האָט אויסגעפורעמט זייער יִדיש־פּוילישן און באַזונדער זייער יִדיש־וואַרשעווער באַוווסטזײַן און אייגנאַרט.

פּוילישער יִיד איז נישט בלויז אַ געאָגראַפישער באַגריף, וואָס נעמט אַרום דעם טייל פונעם יִדישן פאָלק, וואָס האָט געלעבט אין די גרענעצן פון דער פּוילישער מלוכה אין די צײַטן פון איר אויסברייטערונג אָדער אײַנשרומפּונג; מער ווי אַלץ איז פּוילישער יִיד אַ באַגריף פון דעם טייל יִדן וואָס האָט געלעבט אין די באַדינגונגען פון דעם לאַנגן פּוילישן מיטל־עלטער אונטער דער הערשאַפט פון דער פּוילישער שליאַכטע (גוטבאַזיצערישער קלאַס) און פון דעם פּויליש־קאַטוילישן קלער, וואָס האָבן געמאַכט פון יִדן דעם כמעט אויסשליסלעכן באַשטאַנד פון דעם פּוילישן דריטן שטאַנד — דעם מיטלשטאַנד צווישן דעם גוטבאַזיצערישן און דעם פּויערישן — צווישן די האַרן פּעאָדאַלן און זייערע קנעכט, די באַאַרבעטערס פון זייער ערד און די זעלנערס פון זייערע מלחמות.

דער ייִד איז געווען דער פירער אָדער דער אַרענדאַטאָר פונעם פּוילישן פּריצס ווירטשאַפט; ער איז געווען דער בעל־מלאכה וואָס האָט באַקליידט און באַשוכט דעם פּריצס און דעם פּויערס משפּחה; ער האָט געבויט דעם פּריצס פּאַלאַצן און זײַנע קלויסטערס און האָט זיי דעקאָרירט און באַמעבלט; ער האָט אים אונטערגעהאַלטן בעת זײַנע הוליאַנקעס אַלס כלי־זמר און זינגער; ער איז געווען דער הענדלער וואָס האָט צוגעשטעלט דעם פּריצישן הויף און דעם פּויערישן דאָרף די אויסאַרבעטונגען פון דער גרויסער שטאָט אָדער האָט זיי אַרײַנגעפירט פון אויסלאַנד; ער האָט פאַרהאַנדלט קיין אויסלאַנד דעם פּריצס תבואה פון די פעלדער און געהילץ פון די וועלדער; ער איז געווען דער צושטעלער פון אויסשטאַטונג און פּראָוויאַנט פאַר די אַרמייען פון דער פּריצישער מלוכה, אין דער זעלביקער צײַט פּאָליטיש אַבסאָלוט רעכטלאָז. אפילו זייער וווינרעכט אין געוויסע שטעט און געגנטן פונעם לאַנד האָבן ייִדן געמוזט באַזונדער קויפן בײַ די פּריצים — אייבערהאַרן מיט אונטערקויף.

דער ייִד איז אַזוי אַרום געוואָרן דער באַוווינער פון דעם שטעטל — דער מיטלפּונקט צווישן די פּריצישע הייף און די פּויערישע דערפער און זייער מאַרק פאַר פאַרקויף און אײַנקויף — און פון די מאַרקגאַסן אין דער גרויסער שטאָט. אַ רעכטלאָז שטעטל און רעכטלאָזע גאַסן מיט רעכטלאָזע ייִדן. זייער סאָציאַלע ראָלע אין דער פּוילישער ווירטשאַפט, די פאַרמיטלער־ראָלע, וואָלט זיי לאָגישערווײַז באַדאַרפט פאַרוואַנדלען אויך אין אַ קולטור־פאַקטאָר, וואָס אַסימילירט אין זיך די ערדישע פאָלקסגלייבונגען און די פאָלקס־חכמה פון דעם פּויער מיט דער קולטור אָדער ציוויליזאַציע פון דעם פּריץ, און שאַפט פון זיי נאַציאָנאַלע פּוילישע ווערטן אין אַ ייִדישן טיגל אויסגעשמעלצטע. אָבער, פון איין זײַט די פּאָליטישע רעכטלאָזיקייט און פון דער צווייטער זײַט די פאַרשטעלונג פון דעם ייִד מצד דעם קאַטוילישן קלער ווי אַ פאַרשאָלטענעם מענטשן און אַ שותּף צום טײַוול, האָבן דעם ייִדן, מיט זײַן גאַנצער גינציקער פּאָזיציע אין דער פּוילישער ווירטשאַפט, קולטורעל איזאָלירט, און צוגעהאָלפן מאַכן די פּוילישע ייִדן פאַר אַן אָפּגעזונדערטער סאָציאַל־רעליגיעזער עדה, מיט קליינע אויסנאַמען אָפּטריניקעס (אַסימילאַנטן, הפקר־יונגען און משומדים).

מען קען נישט זאָגן, אַז די ווירקונג פון דעם ייִדישן קאָנטאַקט מיט די צוויי גרונטקלאַסן פונעם פעאָדאַלן פּוילישן פאָלק מערקט זיך נישט אויף דעם פּוילישן ייִדן. די ווירקונג מערקט זיך זייער שטאַרק אין דער ייִדישער שפּראַך, אפילו פון ייִדן וואָס וווינען שוין לאַנג נישט אין די גרענעצן פון פּוילן, און אויך אינעם כאַראַקטער און אין די געוווינהייטן פון די פּוילישע ייִדן, אָפּגערעדט פון די ייִדן וואָס האָבן איבערגענומען פאַר זייערע די פּוילישע שפּראַך און מיר זוכן בײַ זיי, פאַרקערט, די ייִדישע שפּורן.

די סאָציאַלע און רעליגיעזע אָפּגעזונדערטקייט פון די ייִדן אינעם פעאָדאַלן פּוילן האָט אין אַ געוויסן צײַטאָפּשניט פון אַ גאַנצן יאָרהונדערט דערגרייכט צו אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזער אויטאָנאָמיע מיט אייגענע אינערלעך־רעכטלעכע אינסטיטוציעס. געווען איז עס די פעדעראַציע פון די ייִדישע קהילות אין דער דעמאָלט אויסגעשפּרייטער פּוילישער מלוכה איבער וואָלין און פּאָדאָליע צו דרום־זײַט און איבער ווײַסרוסלאַנד און ליטע צו צפון־זײַט, און האָט געטראָגן דעם נאָמען „וועד ארבע ארצות" („ראַט פון פיר לענדער"). אָט די פעדעראַציע וואָס האָט אַרענדירט בײַ דער מלוכה און האָט קאָנטראָלירט די ספּעציפישע ייִדישע שטײַערן (פאַרבליבן אינעם צאַרישן „תחום המושב" פאַר ייִדן ווי די טאַקסע) האָט אויף זיך געהאַט דעם ייִדישן קאָמערץ־געריכט, די תקנות פון די יאַדי דן, אײַנצײַטיק מיט דער השגחה אויף חתונות און גטן, געבורטן און קבורות.

פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אויטאָנאָמיע איז געווען די לעגאַליזאַציע פון דער עקסטרעמסטער ייִדישער רעכטלאָזיקייט אין פּוילן און נישט קיין פּריווילעגיע דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט, ווי געוויסע היסטאָריקערס ווילן דאָס אויסטײַטשן. געווען איז עס נישט מער ווי אַן אופן ווי אײַנצושפּאָרן דער מלוכה איר טײַער־קאָסטנדיקן און קאָרומפּירטן שטײַערן־אַפּאַראַט פאַר ייִדישער מלאָכה און האַנדל, וואָס האָבן געצאָלט צווייפאַכיקע אָדער דרײַפאַכיקע שטײַערן ווי נישט־ייִדישע מלאכה און האַנדל. און... די ייִדישע אויטאָנאָמיע האָט געפּלאַצט אין איינעם מיט איר פינאַנציעלן באַנקראָט, טאַקע איבער די אומדערטרעגלעכע שטײַערן אויף ייִדישער מלאכה און האַנדל וואָס האָבן פאַראָרעמט ביז דער לעצטער שטופּע די ייִדישע קליינע הענדלערס און בעלי־מלאכות און האָבן רײַך געמאַכט די ייִדישע וואָכערערס. פּאַקטיש איז די דאָזיקע אויטאָנאָמיע לעבן געבליבן בלויז ווי אַ רעליגיעזע אינסטיטוציע און ווי אַ „מאָראַלישער כוח פון ייִדישער איינהייט", ריכטיקער, דער באָדן פאַר דער ממשלה פון די רײַך געוואָרענע ייִדן — וואָכערערס, פּריצישע ייִדן, אונטערטעניקע דעם פּריץ און תקיפים איבער דער אָרעמער ייִדישער עדה, אויסנוצערישע געלט־שותּפים פון ייִדישער פּראַצע.

דער קאַמף פון די ייִדישע מאַסן אין פּוילן קעגן אָט די וואָכערערס און תקיפים, פּריצישע ייִדן און בעל־טאַקסעס, — די וויכטיקסטע טעמע פון די ערשטע שרײַבערס אין ייִדיש — איז געווען דער אָנהייב פונעם קלאַסן־באַוווּסטזיין אינעם פּוילישן ייִדנטום. ער קומט צום אויסדרוק נאָך אין די ערשטע טריט פון דער חסידות און השכלה־באַוועגונגען אין פּוילן, איידער זיי האָבן דעגענערירט צו הערשאַפט־מיטלען אין די הענט פון די זעלביקע תקיפים. ער ברייטערט זיך אויס דורך דער ייִדישער ליטעראַטור און דורך דעם ייִדישן טעאַטער, דורך די בעל־מלאכישע אַחדות־חברות, און גיסט זיך אַרײַן אין דער שפּעטערדיקער צעוואַקסענער אַרבעטער־באַוועגונג צווישן ייִדן.

די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן, געפּאָרט מיט דער ייִדישער קולטור־באַוועגונג און מיט דעם אויפשוווּנג פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, עפנט פאַר די ייִדישע פאָלקמאַסן דעם וועג פון סאָלידאַריטעט מיט די פּוילישע

אַרבעטערס און צום געמײנזאַמען קאַמף פון די פּראָגרעסיװע פּאָליטישע כוחות אין לאַנד — ניט אױסגעשלאָסן די ציוניסטישע און פּראָלעטאַריש־ציוניסטישע פּאַרטײען — פאַר דער ייִדישער גלײַך־באַרעכטיקונג, און מאַכט די אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטערשאַפט פאַר אַ גרױסן פּאָליטישן און רעװאָלוציאָנערן כוח, װאָס באַטײליקט זיך אין דער סאָציאַלער װי אין דער נאַציאָנאַלער באַפרײַונג פון פּױלן, און דער נצחון פון דעם קאַמף האָט סוף־כל־סוף אױסגעגלײַכט דעם ייִד מיט דעם פּאָליאַק אין אַלע זײַנע רעכטן אין דעם סאָציאַליסטישן פּױלן.

דאָס איז בקיצור די עװאָלוציע פון דעם פּױלישן ייִד ביז דער לעצטער װעלט־מלחמה, װאָס האָט, צו אונדזער גרױסן אומגליק, פאַרשניטן דאָס לעבן פון מיליאָנען פּױלישע ייִדן, און זײ האָבן נישט דערלעבט צו זען דעם נצחון פון זײערע שטרעבונגען און פון זײער קאַמף אין משך פון הונדערטער יאָרן. די עמיגראַציע־באַװעגונג פון די פּױלישע ייִדן קײן צפון־ און דרום־אַמעריקע אין די לעצטע דרײַ פערטל יאָרהונדערט האָט דאָ פון זײ געשאַפן נײַע ייִדישע יישובים מיט קלאַסן־באַװוּסטזיניקע און פּראָגרעסיװע ייִדישע מענטשן.

אינעם כלל פּױלישער ייִד האָט דער װאַרשעװער ייִד אינטימער װי אַנדערע דורכגעמאַכט די אױבן געשילדערטע עװאָלוציע, שױן דערמיט װאָס די גרױסשטאָט, און בפרט די הױפּטשטאָט, איז דער פילפּונקט פון דער עקאָנאָמישער, קולטורעלער און פּאָליטישער אַנטװיקלונג אין יעדן לאַנד און ציט אױך צו, פון איבערן גאַנצן לאַנד, די אומרויִקערע, די אַקטיװערע, די מער קעמפערישע נאַטורן, די װאָס װערן אַרײַנגעצױגן אין איר שעפערישן לעבן אױף די פאַרשידנסטע געביטן. און אָט די אינטים־דורכגעמאַכטע עװאָלוציע האָט געשאַפן זײַן געזעלשאַפטלעכע און קולטור־פיזיאָנאָמיע.

כדי פ נ ק ס װ אַ ר ש ע זאָל באמת זײַן דאָס װאָס ער האָט זיך פאָרגענומען: אַ דענקמאָל, אַ ייחוס־בריװ און אַן אידענטיטעטס־קאַרטע פון די װאַרשעװער ייִדן, האָט ער געמוזט, לכל הפחות פּנקסמעסיק — װי די פּנקסים פון די אַלטע ייִדישע קהילות און חברות, װאָס פלעגן פאַרצײכענען אין אײנעם מיט זײערע תקנות, די גרונט־מעשים פון זײער לעבן — פאַרצײכענען דאָס װאָס צײכנט אױס װאַרשע און די װאַרשעװער ייִדן. און דאָס האָבן זײַנע אַרױסגעבערס און צוזאַמענשטעלערס זיך באַמיט צו טאָן מיט בערך קורצע און צימצומדיקע געשיכטלעכע און שטײגער־שילדערנדיקע אַרבעטן און דערמאָנונגען, װאָס זענען דאָ צוזאַמענגענומען.

די אַרױסגעבערס און צוזאַמענשטעלערס פון דעם פּנקס װײסן אַז דער דאָזיקער באַנד גיט נישט דעם פולשטענדיקן באַגריף װעגן דעם רײַכן און אַלזײַטיקן ייִדישן לעבן אין װאַרשע, זײַנע טענדענצן און באַװעגונגען, װי זײ האָבן זיך פאָרגענומען. פאַראַן דערום אַ מײנונג און אַ פאַרלאַנג, אַז דער דאָזיקער באַנד זאָל זײַן דער ערשטער פון אַ װײַטערדיקער רײ בענד מיט געשיכטלעכע און שילדערישע מאַטעריאַלן װעגן װאַרשע אין דער פאַרגאַנגענהײט און אין דער איצטיקער צײַט.

דאָך זענען מיר זיכער אַז שױן דער איצטיקער באַנד פ נ ק ס װ אַ ר ש ע פילט אױס דעם טיפן באַגער פון די װאַרשעװער לאַנדסלײַט צו זען אױפגעשטעלט דעם דענקמאָל די גרױליק פאַרשניטענע װאַרשעװער ייִדן און די העלדישע געטאָקעמפערס און קומט נאָך זײער אַנגסטלעכער צװאה און זײער האָפענונג, ערב זײער גרױליקן טױט, אַז די רײַכע ירושה פון גײַסט, װאָס זײ האָבן נאָך זיך געלאָזט, איז נישט אומגעבראַכט, אַז די גאָלדענע קײט פון זײער שאַפן איז נישט איבערגעריסן, און אַז נײַע, גליקלעכערע דורות װעלן װײַטער ציִען זײער המשך, אינעם גײַסט פון זײערע שטרעבונגען צו מענטשלעכן גליק און צו פרידן אױף דער ערד.



פיניע קאץ (בוענאס איירעס)

# יידן אין ווארשע ביז דער דריטער צעטיילונג פון פוילן

ווארשע אלס „עיר ואם בישראל", אלס שטאט מיט דער גרעסטער צאל איינוואוינער אין מיזרח־איירא‌פע און אלס גרעסטער צענטער פון יידישקייט און יידישער קולטור ביז איר חורבן אין די יארן פון נאצישן איבערפאל, הייבט אן אויפקומען ערשט נאך 1795, דאס הייסט נאך דער דריטער צעטיילונג פון פוילן, ווען די הויפטשטאט פון דער פוילישער מלוכה זינט 1527 ווערט ווידער די הויפטשטאט פונעם מאזאווישן הערצאגטום אונטער פרייסישער הערשאפט, און דער פארבאט פאר נישט־קאטאליקן און ספעציעל פאר יידן צו וואוינען און זיך באשעפטיקן מיט האנדל און מלאכה אין דער שטאט, לויטן דעקרעט פון הערצאג באלעסלאוו דעם מאזאווישן אין 1483, ווערט באשרענקט אויף בלויז איניקע גאסן. דער שנעלער וואוקס פון דער יידישער באפעלקערונג אין ווארשע הייבט זיך אן נאך שפעטער, ווען זי ווערט די הויפטשטאט פון דעם רוסישן פוילן מיט אירע צען גובערניעס, און זי נעמט איבער אויך די ראל פון דעם יידישן עקאנאמישן און גייסטיקן צענטער, וואס פריער איז עס געווען לובלין.

ביז דעמאלט איז די געשיכטע פון יידן אין ווארשע, באזונדערס נאכן דעקרעט פון 1483, א געשיכטע פון יידישן גראנגל פאר וואוינען, ארבעטן און האנדלען אין דער שטאט און פון כסדרדיקן באנייען און שטרענגער מאכן דעם דערמאנטן דעקרעט מצד די פוילישע קעניגן, וואס זיי אליין פלעגן אויף אים אפט עובר זיין לטובת די יידן. און ניט נאר די קעניגן פלעגן עובר זיין אויף דעם דעקרעט, נאר אויך די מאגנאטן, וואס האבן געשיצט זייערע יידן קעגן דעם דעקרעט, קעגן דער טראדיציע פון אומטאלעראנץ צו יידן (נאן טאלעראנדים יודעים) וואס האט אויסגעטיילט ווארשע און א גאנצע ריי אנדערע מאזאווישע שטעט פון גאנץ פוילן, און קעגן דעם ווארשעווער מאגיסטראט וואס האט פארטראטן די דארטיקע דייטשע ארבעטער און הענדלער און האט אויסגענוצט זיין אויטאנאמיע, לויטן „מאגדעבורגער רעכט", אויף נישט אריינצולאזן קיין ווארשע יידישע בעל־מלאכות און הענדלער.

שוין דאס וואס מען האט דעם דעקרעט פון 1483 געמוזט אפט באנייען און שטרענגער מאכן איז א באווייז אז אין ווארשע האבן קיין מאל נישט געפעלט קיין יידן. נאך יעדן מאל באנייען דעם דעקרעט — ווייזט אן מ. ווישניצער אין דער יידישער ענציקלאפעדיע פון בראקהאוז און עפראן (5טער באנד זייט 314) — פלעגן יידן פארלאזן ווא־שע און באלד צוריקקומען. אנדערע פלעגן ארויספארן דורך איין גאס און באלד צוריק אריינפארן דורך אן אנדער גאס. קיין לעגאל־א־גאניזירט יידיש לעבן האט נאטירלעך נישט געקענט זיין אין ווארשע ביי אזעלכע אומשטענדן. די שיל וואס יידן האבן געהאט אין ווארשע ביז דעם דערמאנטן דעקרעט — לעבן דעם קאשטשיאל פון הייליקן יאן — און דעם בית עולם, לעבן דעם קאטויליש, האט מען פארקויפט אדער פארפאכט צו קריסטן אין אינעם מיט די יידישע הייזער. יידן האבן דעמאלט געוואוינט אויף דער „יידישער גאס" וואס האט זיך אנגעהויבן פון נומער 6־7 שפעטערדיקער „וואנזקי דונאי" האט געהאט 8 איילן אין דער ברייט און האט זיך געצויגן פון דרום צו צפון 109 איילן די לענג. אנהייב 19טן יארהונדערט האט זיך די גאס גערופן „אבראהאמאווסקא". — און ערשט סוף 18טן יארהונדערט, ווען דער דעקרעט איז שוין בטל געווען, האט א דייטשער ייד אויסגעבויט אין ווארשע א שיל אויף זיינע אייגענע הוצאות, און אין 1799 האבן יידן אויך אוועקגעשטעלט זייער ערשטן שפיטאל אויף נאוואליפיע, לעצטנס נומער 30, וואס מען האט דערנאך איבערגעפירט אויף מארשאלקאווסקע.

קורץ, ביז סוף אכצנטן יארהונדערט קען מען נישט ריידן וועגן א ווארשעווער יידנטום, מען קען אבער ריידן וועגן ווארשעווער יידן, ווי וועגן פוילישע יידן אין כלל, ווי א טייל פון דעם פוילישן יידנטום וואס האט זיך אויסגעפורעמט אין משך פון איבער טויזנט יאר מאטעריעלער און גייסטיקער אנטוויקלונג אין די באדינגונגען פון פוילישן פעאדאלן לעבן. אליין כמעט א סאציאלער שטאנד, — דער שטאטיש־שטעטלשער שטאנד פון הענדלערס און בעל־מלאכות, א מיטלשטאנד און פארמיטלער־שטאנד צווישן דעם פוילישן גוטבאזיצערישן און דעם פויערישן, א גייסטיק לעבן, וואס האט זיך געשטאלטיקט פון אפגעזונדערטער טראדיציאנעלער יידישקייט און דאך באאיינפלוסט קולטורעל סיי פון דעם העכערן פריצים־שטאנד און סיי פון דעם נידעריקן פויערים־שטאנד, אנגעשטעקט מיט וועלטלעכן וויסן, מיט קאטוילישער מיסטיק און געצנדינערישן אבערגלויבן.

וואס שייך דעם אנהייב פון יידישער איינוואנדערונג קיין פוילן און ספעציעל קיין ווארשע זענען קיין פעסטגעשטעלטע דאטעס נישט פאראן. די ערשטע ידיעות וועגן דער איבערוואנדערונג פון יידן קיין פוילן באציען זיך, לויט מ. ווישניצער, צום סוף פונעם עלפטן יארהונדערט און וועגן יידן אין ווארשע — צום מיטן פונעם 13טן יארהונדערט. דאס זענען ארכיוון פון „שאלות ותשובות" וואס האבן זיך געפירט צווישן לומדים און סוחרים פון פוילן און קיעווער רויטרוסלאנד מיט דייטשע יידן. פאראן אבער אויך נישט דאקומענטירטע פארצייכענונגען פון פוילישע היסטאריקער, וואס גיבן אן די אנוועזנהייט פון יידן אין פוילן נאך אנהייב צענטן יארהונדערט. אזוי ווערט אנגעגעבן אז צום פירשט ליעשקא, וואס האט געהאט זיין הויפטשטאט אין גנעזן (גניעזנא) פויזנער געגנט, זענען אין יאר 903 געקומען דייטשע יידן מיט א ביטע ער זאל זיי לאזן וווינען אין פוילן. ער האט זיי געגעבן די דערלויבעניש און זיי האבן ביי אים גענומען אין ארענדע די געלטמינצונג. פאראן ארכיוון פון מטבעות מיט יידישע אויפשריפטן, וואס זאגן ערות וועגן יידישע געלטמינצער אין פוילן פון 11טן יארהונדערט.

עס איז אבער גארנישט אזוי ריזיקאליש און אנטי־היסטאריש זיך משער צו זיין אז יידן סוחרים און חלפנים פון איטאליע, וואס האבן געפירט מסחרים און געהאט געלטגעשעפטן מיט ביזאנץ נאך אינעם מיטל־עלטער, זענען דורך די באלקאן־לענדער און רויטרוסלאנד געקומען אין באריזונג מיט די ס ל א וו י ש ע שבטים לענגוים דער ווייסל און דאס אייגענע זאלן יידן סוחרים פון באגדאד און באסארא, פון איראן און בוכארא וואס האבן געפירט מיסחרים מיט די סלאווישע שבטים ביים דניעפער, האבן געקומען מיט דעם רעכטברעגיקן וועג פון דניעפער און בוג קיין פוילן. דאס אייגענע פארקערט: די פוילישע פירשטן, זייער פרי געקומענע אין פארבינדונג מיט דער איירא‌פע פון די גערמאנער, פון די פראנקן און גאלן און שוין אויך מיט דעם פויפס, האבן זיך גענייטיקט אין יידן סוחרים און געלטמינצער כדי מיט זייער הילף אריינצופירן אויף זייערע „ערדן" אן איירא‌פעאישן שטאט, זאלן זיי האבן פארבעטן קיין פוילן . . .

נאך אינעם נעפלדיקן פארטאג פון פוילן, ווען מאזאוויע האט נאך נישט געוואוסט נישט פון קריסטלעכער און נישט פון מערבדיקער ציוויליזאציע און אירע פאנעם און פירפאנעם אין אינעם מיט זייערע קנעכט, די פלאקסענע טשופריגעם ארומגעשוירן ביז די אויגן, האבן געגלויבט אין די מעכטיקע נאטורגעטער, אין



געשטאלטן פון ווארשעווער
יידן פון 18טן יארהונדערט

(בילד פון ב. קאנאלעט)

די וואלד־רוחות, וואסערמיידלעך און מכשפות, מיט דער גרעסטער פון זיי אלע באבא יאגא — אין יענעם נעפלדיקן פארטאג פון די סלאווישע שבטים ביים טייך ווייסל, וואס האבן שוין געזייט קארן, געשפונען פלאקס, געצויגן פון די בערעזעס שמירעכץ פאר די סקריפנדיקע רעדער פון זייערע נישט געקאוועטע וועגענער און האניק און וואקס און מעד צו טרינקען. פון די בינשטאקן — ווען ווארשע איז נאך געווען נישט מער ווי א מאיאנטעק פון א מאזאווישן פירשט, מיט זיינער א שלאספעסטונג צווישן די כלאפישע זעמליאנקעס, פלעגט שוין מסתמא א ייד זיך דערשלעפן אהין מיט זיין בויד סחורה. ער פלעגט זיך אהין דערשלעפן פון פרייסן, דורך פויזן און קאליש, פון דער באלטישער ליטע אדער קורלאנד דורך רייסן און זאמעט פון ווענעדיק דורך ביזאנץ, רויטרוסלאנד און לובלין, פון טורקעסטאן און פון קרים איבער פאלטאווע און קיעוו. ער פלעגט אויסלייגן פאר די כלאפישע ווייבלעך און מיידלעך זיינע קאלירטע סטענגעס, ביינערנע קעמלעך, טערקישע פאטשיילעס און בשמים אלערליי און פאר וואס טאקע נישט א ליבע־וואסערל פון די ווייטע לענדער, און אויסבייטן אויף א מעסטל קארן, א בינטל פלאקס אדער חזיר־האר. א צווייטער ייד, א פוסגייער, מיט זיין טארבע און שטעקן, פלעגט זיך אפשטעלן פרעגן צי דארף נישט דער כלאפ און זיין ווייב א פעלץ זיך אויפנייען, און א דריטער — מיט זיין קעסטל געצייג אויפן רוקן, צי דארף מען נישט א קווארט פארלייטן אדער א טאפ פארדראטעווען... דער פירשט, מעגלעך, האט צווישן די מייסטער וואס האבן געבויט זיין שלאס געבראכט פון אויסלאנד א יידן א דאכדעקער, א שינדלער, אן אויוון־מוליער און א שטובן־מאלער. א ייד א וועגנער האט אים געבראכט טאקייער פאר זיינע פירשטלעכע הוליאנקעס מיט די פאנעס, וואס זענען שוין זאט געווען פון דעם היימישן מעד, א ייד פון טאשקענט האט אים געבראכט א טעפעך א פערסישן, א קרום שווערדל אדער א קינזשאל מיט א גראווירטן זילבערנעם הענטל, א ייד פון ווענעדיק — וואלנס און זיידנס און בראקאט פון דמשק פאר זיין פירשטלעכן זיפון און פאר די סאראפאנעס פון דער ווייבעריי, פאר זיין טאכטער וואס חלומט מסתמא, ווי ער, וועגן א שידוך מיט א באיאר פונעם דרום אדער מיט א הערצאג פונעם מערב...

פון אט די יידן האבן א טייל זיכער זיך באזעצט צוליב שטענדיקן האנדל און שטענדיקער מלאכה און אראפגעבראכט זייערע משפחות אין דעם מאיאנטעק און געהאלפן פארוואנדלען אים אין דער שפעטערדיקער שטאט ווארשע. און ווען די דייטשע בעל־מלאכות און הענדלער, אנגערעגטע פון דער דייטשער האנדלס־ארגאניזאציע „האנזא", האבן זיך אוועקגעלאזט קיין פוילן דארטן צו פארנעמען פאזיציעס פאר דער דייטשער עקספאנסיע, שוין אין פערצנטן י"ה, האבן זיי געטראפן א היפשע צאל יידן בעל־מלאכות און הענדלער אין ווארשע ווי אין גאנץ פוילן, וואו זיי האבן גענומען פירן קעגן זיי דעם קאמף וואס די „האנזא" האט געפירט אין דייטשלאנד גופא.

דאס געווער פון די דייטשע בעל־מלאכות און הענדלער אין זייער קאמף פאר ארויסשטויסן די יידן פון די פאזיציעס וואס זיי האבן שוין געהאט פארנומען אין די פוילישע שטעט, איז געווען דער מאגיסטראט, די שטאטישע פארוואלטונג, וואס זיי האבן אריינגענומען אין זייערע הענט אויפן גרונט פון דעם אזוי גערופענעם „מאגדעבורגער רעכט". געבראכט האבן זיי מיט זיך דאס דאזיקע רעכט פון דייטשלאנד, וואו די שטאטישע באוווינער, וואס דאס האט געמיינט די הענדלער און האנטווערקער, האבן פארוואלטעט מיט די שטעט לויטן מוסטער פון דעם אויטאנאמען רעכט וואס די שטאט מאגדעבורג האט די ערשטע באקומען. די דייטשן זענען אזוי ארום געקומען קיין פוילן ווי פארטיקע בירגער און דערצו, ווי פריוויליגירטע, געשיצט אין איין צייט דערמיט, פון דער דייטשער, ריכטיקער, פון דער פרייסישער מלוכה, וואס האט זיך געצויגן לענגוים דער גרענעץ מיט פוילן, און פון דעם ארגאניזירטן דייטשן האנדל וואס האט אונטערגענומען א קאמף קעגן יידישן האנדל נישט נאר אין דייטשלאנד, נאר אויך אינעם וועלטמאסשטאב.

דאס דאזיקע געווער האט געהאט צוויי שארפן, איבער הויפט וואס שייך יידן אין פוילן. אין דער זעלבער צייט ווי די „האנזא" האט געפירט דעם קאמף קעגן יידישן מסחר אין די דייטשע שטעט און דורך די דייטשע סוחרים אין די שטעט פון די שכנישע מלוכות: לעטלאנד, ליטע, רוסלאנד, טשעכיע און פוילן, און עס איז איר געלונגען צו מאכן א סך פון די דייטשע שטעט יידנריין, האבן דייטשע יידן מער אויסגעוואנדערט אין יענע לענדער און דארט פארנומען האנדלס־פאזיציעס, וואס האבן מיט דער צייט אפגעשוואכט זייער האנדל מיט דייטשלאנד. די „האנזא" האט זיך געגרינדעט צום סוף עלפטן יארהונדערט. געווען איז זי, לויט פריץ דעריג (זע: „די אייראפעאישע שטאט", וועלט־געשיכטע פון וואלטער נעץ אין שפאניש, באנד 4, זייט 341), נישט נאר אן עקאנאמישע האנדלס־קאנפעדעראציע פון דייטשע שטעט. דאס איז מער ווי אלץ געווען א בלוט־פאראייניקונג, וואס דאס מיינט סיי ראסיש און סיי קרוביש פארבונדן צווישן זיך און איז נישט געווען קיין צופעליקע אונטערנעמונג, נאר לכתחילה אויסגערעכנט און ארגאניזירט אזוי סטראטעגיש אז זי זאל פון די דייטשע שטעט ביים זאאלע און עלבע פארנעמען די סלאווישע מערק און קומען אין פארבינדונג

מיט די סלאַווישע פירשטן וואָס זענען „גערן" א דייטשע איינוואנדערונג, און אין ליבעק איבער וויזבי און ריגע צום באַלטיק צו די סלאַווישע פירשטנטומס ביז פסקאָוו און נאָווגאָראָד. ער ווייזט דאָרט אָן אַז די דאָזיקע מערק זענען שוין דעמאָלט פאַרנומען געווען פון יידן און איטאַליענער, וואָס האָבן געפירט דעם וועלטהאַנדל נאָך א סך פריער פאַר די דייטשן.

וואָס שייך דער באַציאונג פון דער „האַנזאַ" צו יידן, ברענגט פריין רעריג א פראַזע פון א דייטשן כראָניקער אין יאָר 1499: „אין ליבעק זענען נישטאָ קיין יידן און נישט מען דאַרף זיי דאָרט האָבן". און רעריג גיט צו: „ער איז גערעכט געווען, אין ליבעק האָט מען אויך אָן יידן געפירט גרויסע געלטגעשעפטן. הלוואות, פראָצענטער, משכנות זענען דאָרט געווען א נאַטירלעכע זאַך און מען האָט פראַנק און פריי עובר געווען אויף דעם פאַרבאָט פון וואָכער און אויף דער קריסטלעכער מאָראַל בכלל, און יידן האָבן דאָך נישט נאָר געגעבן הלוואות, נאָר אויך געפירט א סחורה־האַנדל"... רעריג באַשולדיקט די „האַנזאַ" אין די שחיטות און גירושים וואָס זענען פאָרגעקומען אויף יידן אין גאַנץ דייטשלאַנד און אויך אין דער איינשליסונג פון יידן אין די געטאָס. ער באַשולדיקט די „האַנזאַ" אויך אין דער פאַרשפרייטונג פון דעם בילבול אַז יידן פאַרגיפטן די ברונעמער נאָך דער דרייסיקיעריקער מלחמה, ווען דייטשלאַנד איז געוואָרן א קרבן פון כאָליערע, שוואַרצן טויט און אַנדערע מגיפות.

וועגן דער באַטייליקונג פון יידן אינעם וועלטהאַנדל און ספּעציעל צווישן די סלאַווישע שבטים, די מזרחדיקע ווי די מערבדיקע, זאָגן עדות א ריי היסטאָריקער, צווישן זיי מאַרטין ווינקלער: יידן זענען געווען סיי צווישן די גריכישע סוחרים וואָס האָבן פאַרנומען מיט זייערע שיפן דעם האַפן קאַפאַ (שפּעטער פעאָדאָסיאַ) אויפן קרימער האַלבאינדזל, און סיי צווישן די איטאַליענישע (גענועזער) וואָס האָבן דעם האַפן אַוועקגענומען ביי די גריכן. די פעאָדאָסיער סינאַגאָגע, וואָס איז אַן אַרכיטעקטאָנישער מאָנומענט, איז אויסגעבויט געוואָרן אין יאָר 1000. צווישן די סלאַווישע שבטים וואָס האָבן נאָך דער הונען־פאַרפלייצונג אין 5טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן דעם מאַרש צו דרום, צו די באַלקאַנען, ווי צווישן די כאַזאַרן (א טאָטערישער שבט וואָס האָט צו יענער צייט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן) ווייזט ווינקלער אָן אויף יידישע סוחרים, צווישן די „הענדלער פון אַלע אמונות" וואָס דער דאָזיקער מאַרש האָט צו זיך צוגעצויגן.

פון ווינקלערן דערוויסן מיר זיך אויך אַז עס איז גאָרנישט אַזוי זיכער דאָס וואָס די „האַנזאַ" האָט זיך אַליין איינגערעדט אַז די סלאַווישע שבטים זענען גערן געווען א דייטשע איינוואַנדערונג. קעניג מיעשקאָ דער ערשטער, וואָס האָט אָפּגעשמדט פוילן אויף קאַטויליש, האָט דאָס געטאָן מיט דער אויסזיכט אַז דער פויפּס יאָהאַן דער פופצנטער זאָל זי שיצן קעגן די פרייסן. וועגן דעם זאָגן עדות אויך די פוילישע פריווילעגיעס פאַר יידישע סוחרים.

יאָ, די יידן אין פוילן האָבן אויף זייער זייט אויך געהאַט פריווילעגיעס. איינע אַזאַ פריווילעגיע איז באַקאַנט אַלס די קאַלישער, געגעבן האָט זיי די פריווילעגיע באָלעסלאַוו דער קאַלישער, דער פרומער אָדער דער שעמעוודיקער, אין 1264. אָבער די דאָזיקע פריווילעגיעס זענען זיי געגעבן געוואָרן נישט ווי צו בירגער, נאָר ווי צו „געשיצטע". יידן אין פוילן אָדער אינעם פירשטנטום, אויב די פריווילעגיע איז זיי געגעבן געוואָרן פון א פירשט, זענען דורך זיי באַטראַכט געוואָרן ווי דאָס אייגנטום פונעם קעניג אָדער פונעם פירשט, פונקט ווי דער פויער־קנעכט וואָס איז געווען דאָס אייגנטום פונעם פריץ, פונעם פירשט און פונעם קעניג. יידן זענען אויך אין די פריווילעגיעס געשיצט געווען ווי אַן אייגנטום. לויט די פריווילעגיעס האָט מען א יידן נישט געטאָרט דערהרגענען, פונקט ווי מען טאָר נישט דערהרגענען דעם פריצס א בהמה אָדער א חיה. אויך געריכטלעך איז דער ייד געשטאַנען אונטערן שוץ פון דעם קעניג אָדער פירשט און פריץ. דאָס אייגענע פינאַנציעל.

אָבער איבער דעם קעניג און דעם פירשט און פריץ שטייט די קאַטוילישע קירך, די פוילישע קאַטוילישע קירך וואָס איז אין א געוויסער מאָס אָפּהענגיק געווען סיי פונעם פויפּס און סיי פונעם קעניג. און די פוילישע קאַטוילישע קירך האָט באַדאַרפט האָבן די יידן גאָר צוליב עפּעס אַנדערש ווי צוליב דער פאַרמיטלונג צווישן דעם פריץ און דעם פויער אָדער צוליב די שטייערן וואָס די מלוכה ציט פון זיי אַרויס, ווען אפילו די פוילישע בישאָפן האָבן פאַרמאָגט גרויסע שטרעקעס לאַנד און מאַיאָנטקעס. — זיי האָבן איר באַדאַרפט דינען ווי א סטראַשידלע קעגן די פויערים. די יידן, האָט עס געדאַרפט הייסן, וואָס גייען נישט אין קאָשטשיאָל, זענען פאַרשאָלטענע מענטשן און האָבן נישט די ווערט דעם חסד וואָס דער קעניג שענקט זיי און לאָזט זיי לעבן. גאָט לאָזט זיי לעבן אויף דער וועלט ווי א וואָרענונג די גלויביקע קריסטן, זיי זאָלן זיין געהאָרכזאַם דער קירך און דער מלוכה, ווי עס שטייט געשריבן אין די הייליקע עוואַנגעליעס... און נישט נאָר האָט די פוילישע קירך צוליב דעם געהעצט אין אירע דרשות קעגן יידן ווי „קעגן טרינקער פון קריסטלעכן בלוט", וואָס מען דאַרף זיך פאַר זיי היטן, נאָר זי האָט באַדאַרפט באַווייזן אַז די קעניגן און די פירשטן גופא האַלטן זיי פאַר אומווערדיקע און לאָזן זיי דעריבער נישט וואוינען אין די הייליקע שטעט, אין די הויפּטשטעט. די קירך פלעגט אָפּטאַדלען סיי די גייסטלעכע און סיי די פריצים פאַר אָפּגעבן זייערע מאַיאָנטקעס אין אַרענדע צו יידן.

אַט די פּאָליטיק פון דער פוילישער קירך, וואָס האָט דערקלערט א ריי שטעט אין פוילן, דער עיקר אין דער מאַזאָוויע, וואו עס האָט זיך געפונען די הויפּטשטאָט, אַלס „נאָן טאָלעראַנדיס יודעיס", וואָס דולדן נישט קיין יידן, איז געווען אויף דער האַנט פון די דייטשע בעל־מלאכות און הענדלער און זייערע „מאַגדעבורגער" מאַגיסטראַטן. זי איז עס געווען די הויפּט־סיבה, פון דער, אין פלוג, ווידערשפּרעכיקער האַנדלונג פון די פוילישע מלכים — פרומע קאַטאָליקן און גייציקע סיבאַריטישע מיוחסים אין איין און דער זעלביקער צייט — בנוגע די פוילישע יידן אין כלל. דאָס דערקלערט אויך דעם פאַקט, וואָס די מלכים גופא פלעגן ביי יעדן מאָל באַטרעטן דעם פוילישן טראָן באַנייען דעם פאַרבאָט־דעקרעט פון 1483 און תיכף אויף אים עובר זיין, ווי זיי פלעגן בכלל עובר זיין אויף די קריסטלעכע געבאָטן פון דעם אַלטן און דעם נייעם טעסטאַמענט, געטריבענע פון דעם יצר־הרע, פונעם שטן, וואָס זיצט אין דעם מענטש און וואָס באַזיצט אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט. דאָס דערקלערט די גאַנצע פוילישע שטאַטס־חכמה זינט די ערשטע יאָרהונדערטער פון איר פעאָדאַלער עקסיסטענץ ביז די לעצטע יאָרן פון איר כלומרשטער נאַציאָנאַלער פרייהייט אַלס מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע רעפּובליק; זינט דעם שליסן שטעט פאַר יידישער איינוואוינערשאַפט ביז דערקלערן יידן פאַר איבעריק אין פוילן.

די טראַגישע געשיכטע פון דער עקאָנאָמישער און גייסטיקער אויספּורעמונג פונעם פוילישן יידנטום איז דער פועל־יוצא פון אָט דער שטאַטס־חכמה, אַזוי אין פוילן און אַזוי אינעם צאַרישן רוסלאַנד, וואָס איז באַשטאַנען אין קאָנסערווירן, קעגן אַלע טענדענצן פון דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, די עקסיסטענץ און די אויבערמאַכט פון דעם ערדבאַזיצערישן שטאַנד אין דער מלוכה איבער דעם דאָרפישן און שטאָטישן, מיט אָדער אָן דער הילף פון דער קירך, דער רעזולטאַט פון אויפהאַלטן אין לאַנד אַן אייבערשטן שטאַנד מיוחסים, וואָס האַלטן אין זייערע הענט דאָס רייכטום, דאָס וויסן, די שיינקייט, די עלדישקייט, דעם וועזן און דעם גורל פון דער נאַציע; קיינער טאָר נישט זיין רייך, קיינער טאָר נישט זיין קלוג און שיין און העלדיש און קיינער טאָר אפילו נישט חלומען וועגן פאַרשטעלן מיט זיך אָדער פירן דאָס לאַנד, אויסער דעם גוטבאַזיצערישן שטאַנד. אַלע אַנדערע זענען זיינע קנעכט, זיינע געשיצטע...

אין לאַנד וואַקסט אָן דער קלאַסן־באַוואוסטזיין אָדער שטאַנד־באַוואוסטזיין פון די שטאָטישע און דאָרפישע מענטשן, נאָר ער ווערט געהאַלטן דערשטיקט, דערנידעריקט און אונטערדריקט מיצד דעם הערשנדיקן שטאַנד און מיצד דעם דאָרפישן און שטאָטישן שטאַנד גופא, וואָס שטיקט אים אין זיך. די באַציאונגען צווישן זיי, אויב זיי ברעכן נישט אויס מיט רעוואָלט, ווערן זיי פאַלשע. שנאה אין האַרצן און חניפה אויף די ליפּן. יידן האָבן דערביי א פריווילעגיע: זיי באַהאַלטן אויס די פאַלשע לאַגע זייערע אין זייער אייגענער אויסדערוויילטקייט, זיי טראָגן דאָך דעם איינציקן אמת פונעם אמתן גאָט, פאַר דעם דאָזיקן אמת ליידן זיי, און צו דעם דאָזיקן אמת זענען זיי געהייליקט, געלייטערט און אָפּגעזונדערט, ווי אין די דריי טעג אָפּגעזונדערטקייט פאַר דעם, ווי משה רבנו האָט זיי אַראָפּגעבראַכט די תורה פונעם באַרג סיני. יידן לעבן דעמאָלט אין פוילן אַן אָפּגעזונדערט רעליגיעז לעבן, אָפּגעזונדערט מיט דער הלבשה, מיט דעם רוטאַג, מיט די ימים־טובים און מינה־

גים, מיט די מאכלים, מיט דער שפּראַך, מיט די מאַנירן, מיט די האַפענונגען. יידן האָבן אַ משיח, יידן האָבן אַן אייגענעם הימל, אַן אייגענעם יום־הדין, וואָס באַלוינט און באַשטראָפט יעדן יידן לויט זיינע יידישע מעשים...

נאָר יידן קומען דאָך אין באַציאונג מיט דעם העכערן שטאַנד און לערנען זיך אָפּ פון אים זיינע מאַנירן, זיין שפּראַך, זיינע טענץ און זיינע לידער. צו ערשט די פרויען, וואָס זענען ווייניקער ווי די מענער געבונדן צו מיצווה און קענען ווייניקער ביישטיין דעם ניסיון פון „אומשיינקייט", דערנאָך די מענער. די דרויסנדיקע וועלט, דאָס אויסלאַנד, מיט זיינע אויפקלערונגס־אידייען, מיט זיין וויסן, רייסט זיך אריין און ברעכט אַלע צוימען, פונעם ארויפגעצוואונגענעם און פונעם פרייוויליקן געטאָ. יידן קומען אין באַרירונג מיטן פויער, וואָס איז גייסטיק פאַרזונקען אין דער קאַטוילישער מיסטיק און האָט נאָך נישט אויסגעלעבט פון זיך די אַלטע געצנדינערישע גלויבונגען. און די יידישקייט נעמט זיך ביינגן, ברעכן, באַקומען נייע געשטאַלטונגען, רבנים זענען מתיר לערנען אחוץ רעליגיעזן אויך וועלטלעכן וויסן, אַנדערע איז דאָס ווייניק פאַר זייער שטרעבן גלייך צו ווערן מיט דעם העכערן שטאַנד און זיי שמדן זיך, באַקומען מיט אַ מאָל דאָס רעכט צו באַזיצן ערד, צו זיין „שיין" און „פיין", „חשוב" און „געאַכט". אַנדערע, פאַרקערט, פאַרטיפן זיך אין דער יידישער מיסטיק, אין דער קבלה, ווילן אַראָפּברענגען משיחן פאַר דער צייט מיט צירופים און סיגופים, אַנדערע זוכן אַראָפּברענגען משיחן מיט רעליגיעז־פּאָליטישע מאַכינאַציעס, יודאיסטיש־מאַכמעדאַנישע אָדער יודאיסטיש־קריסטלעכע, ווי שבתי צבי און פראַנק, וואָס האָבן די מערסטע זייערע אָנהענגער געוואָרבירט אין פוילן. עס קומען אויף בעלי מופתים ביי יידן, הייליקע מענטשן, וואָס באַווייזן וואונדער, וואָס ריידן זיך דורך מיט גאָט און לייענען דעם מענטשנס מחשבות... זיי באַשאַפן אַ נייע יידישקייט, דאָס חסידות, אַ יידישקייט פון עקסטאַז און באַהעפטונג מיט גאָט, אַ יידישקייט מיט עלעמענטן פון קאַטוילישער מיסטיק...

דאָס אייגנטלעך איז די גייסטיקע געשטאַלטונג פון דעם פוילישן יידנטום ביז סוף אַכצנטן יאָרהונדערט, אויסגעפורעמט אין הסכם מיט זיין סאָציאַל־עקאָנאָמישער געשטאַלטונג ביז יענער צייט. אין פוילן, ווי אין יעדן פעאָדאַלן לאַנד, איז די פאַרשפּרייטסטע פאָרעם פונעם האַנדל דער יאַריד, דער וועכנטלעכער יאַריד וואָס שטעלט זיך אינעם שטעטל, וואו פויערים קומען פאַרקויפן זייער תבואה, זייער בהמה, און איינקויפן וואָס זיי האָבן נייטיק צו זייער באַלעבאַטישקייט, געצייג, געשפאַן, הלבשה, בכלל שטאָטישע אויסאַרבעטונגען, און דער יאָר־יאַריד, וואָס שטעלט זיך אין די גרעסערע שטעט און אַהין קומען פריצים און גרעסערע סוחרים שליסן גרעסערע געשעפטן, יידן האַנדלען אויפן יאַריד. עס קומען אויף די יאַרידן אויך בעלי־מלאכות, וואָס גרייטן אָן פאַרטיקע הלבשה צום פאַרקויפן אָדער אָננעמען באַשטעלונגען.

ביז דעם זיבעצנטן יאָרהונדערט איז דער יאַריד די הויפּטבאַשעפטיקונג פון יידן אין פוילן. יידן באַשעפטיקן זיך דעמאָלט אויך מיט אָפּקויפן ביי דער רעגירונג די ליפערונג פון שפּייז און קליידער פאַר דער אַרמיי, מיט אָפּקויפן די הכנסה פון אַלערליי רעגירונגס־שטייערן, מיט דער מינצונג פון מטבעות פאַר דער רעגירונג, מיט הלוואות דער רעגירונג, די פריצים און די יידישע הענדלער און בעלי־מלאכות. דאָס לעצטע קער זיך אויך אָן מיט די יאַרידן. הענדלער און בעלי־מלאכות נייטיקן זיך אין געלט אויף צוגרייטן סחורות צום יאַריד, און פריצים קומען צום יאַריד נעמען הלוואות ביי יידן דורך זייערע מעקלער אָדער באַנייען די אַלטע חובות.

נישט אומזיסט האָט דער צענטער פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין פוילן, דער „ועד ארבע ארצות", וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין מיטן זעכצנטן יאָרהונדערט אויף דער איניציאַטיוו פון קעניג זיגמונט דעם 1טן צוליב דעם קאָלעקטיוון אויפמאָנען דעם יידישן שטייער, געהאַט אַלס זאַמלפונקט די גרויסע יאַריד־שטאָט לובלין, וואו עס פלעגן זיך צונויפפאָרן די פרנסים (מערסטנס גרויסע סוחרים) און די רבנים פון גאַנץ פוילן.

די תקנות פון דעם ועד זענען אויך מערסטנס געווען יאַרידישע. אויף איינעם פון די יאַריד־צוזאַמענקומען איז, למשל, דורכגעפירט געוואָרן די רעפאָרם וואָס רופט זיך „היתר עיסקא", די רבנישע דערלויבעניש פאַר די מלווים צו נעמען גרעסערע פּראָצענטער ביי יידן אונטערן אויסרייד אַז מיט דער הלוואה ווערן די מלווים שותפים צום געשעפט וואָס דער לווה מאַכט מיט דעם געלט.

דער פאַקט איז געווען אַז אָט דער „היתר עיסקא" האָט געפירט צו באַנקראָט אַ גרויסע צאָל יידישע סוחרים. אַ סך פון זיי זענען אַנטלאָפן, מערסטנס קיין אויסלאַנד, קיין טערקיי, קיין רומעניע אָדער צוריק קיין דייטשלאַנד, פון וואַנען זייערע עלטערן זענען געקומען קיין פוילן. אַ „בורח" פלעגט מען רופן אַזאַ אַנזעצער. אָבער אַזוי ווי נישט אַלע אַנזעצער האָבן געקענט אַנטלויפן, פלעגן זיי זיך נעמען צו מלאכה. אַזאַ ייד פלעגט זיך נעמען צו אַ „מלאכה נקיה וקלה", צו אַ ריינער און גרינגער מלאכה, ווי עס ווערט רעקאָמענדירט אין דער גמרא, ער פלעגט זיך אויסלערנען זייגער־מאַכעריי, גאָלדשמידעריי, שמוקלעריי, איינבינדעריי. געווען אָבער אויך אַזעלכע וואָס האָבן אויסגעפאָלגט אַן אַנדער רעקאָמענדאַציע פון דער גמרא: „פשוט נבלה בשוק ואל תצטרך לבריות", שינד אָפּ אַ נבלה אין מיטן מאַרק, נאָר קום נישט אָן צו מענטשן. דערפון איז אַרויסגעקומען אַ מוראדיקע קאָנקורענץ צווישן יידישע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן אחוץ דעם נאָך געמוזט קאָנקורירן מיט די נישט־יידישע, לייען דייטשע בעלי־מלאכות, וועלכע זענען געווען אָרגאַניזירט אין צעכן און געשיצט פון די מאַגיסטראַטן.

יידישע סוחרים האָבן דערצו נאָך געהאַט אַזאַ מין „פּריווילעגיע" קעגן איבער נישט יידישע. דער מאַגיסטראַט, אָדער דער וואָיעוואָדע פון דער געגנט, פלעגט אָפּטאַקסירן וויפל אַ סוחר מעג פאַרדינען אויף זיין אריינגעפירטע סחורה פון אויסלאַנד, לויט דער וויטערדיקער קאַטעגאָריע: אַן אָרטיקער קריסטלעכער סוחר האָט געמעגט פאַרדינען 7 פּראָצענט, אַן אויסלענדער אַ קריסט — 5 פּראָצענט און אַ ייד — בלויז 3 פּראָצענט. עס איז געקומען דערצו אַז יידן האָבן נישט געקענט צאָלן דעם יידישן שטייער דעם „ועד" און דער „ועד" האָט נישט געקענט צאָלן דער מלוכה. דעמאָלט איז געקומען פאַר יידן אַ „ישועה". דאָס איז געווען אַ ישועה וואָס האָט געקאָסט יידן הונדערטער טויזנטער קרבנות.

פוילן איז זיך אין יענער צייט אומגעהייער צעוואַקסן, זי האָט אונטער זיך געהאַט אחוץ גרויס־און קליין־פוילן, מאַזאָוויע, סאַנדאָמיר און לובלין, אויך ליטע, קורלאַנד און לעטלאַנד פון איין זייט און פון דער אַנדער זייט וואָלין, פּאָדאָליע און זאַפּאָראָזשיע, רוטעניע און גאַליציע. דאָס אַלץ זענען געווען „ערדן" וואָס זענען איבערגעגעבן צו די פוילישע פירשטן און קלענערע פריצים אין איינעם מיט די פויערים אַלס לייב־אייגענע. אַרויסגעלאָזט האָט דעמאָלט די פוילישע רעגירונג אַ לאָזונג: קאָלאָניזירן די ערדן! דאָס האָט געמיינט פּאָלאָניזירן, מאַכן פון די לענדער מיט אוקריינער און ווייס־רוסן פוילישע קאָלאָניעס.

ווער זשע אָבער זאָל דאָס טאָן, ווען פוילישע פריצים טויגן נישט צו אַזאַ וואָכעדיקער און שווערער אַרבעט? פוילישע פריצים זענען ריטער, זיי קענען פירן מילחמות און ליבעס, אָבער נישט קיין געשעפטן. דער פּלאַן איז געווען: אָפּגעבן די דערפער אין אַרענדע צו יידן, און איבער די שלאַכן אוועקשטעלן קרעטשמעס, אויך אַרענדירטע צו יידן, וואָס זאָלן ווערן דער מיטלפונקט פאַר נייע דערפער.

אַ נייע פרנסה איז אויפגעקומען פאַר יידן אין פוילן: קרעטשמעס. יידן זענען געווען אַרענדאַטאָרן און פּאַסעסאָרן איבער גאַנץ וואָלין, פּאָדאָליע, רוטעניע, זאַפּאָראָזשיע, פּאָלטאַוושטשינע און ווייסרוסלאַנד. זיי האָבן אָפּגעקויפט ביים פריץ די הכנסה פונעם דאָרף און פונעם שענק און געצויגן די חיונה פון דער פויערישער פּראַצע. פאַראַן ידיעות אַז די פריצים פלעגן פאַרקויפן צו יידן — אַרענדאַרן אויך די הכנסה פון די קלויסטערס. אַלנפאַלס האָבן אוקריינישע פויערים געשאַפן זייערע ווערטלעך אויף דעם גרונט און אוקריינישע דיכטער האָבן אויף דעם גרונט געזונגען וויינענדיקע לידער.

און ווען אין יאָר 1648, לויט דער יידישער צייט־רעכענונג ה' תח (פינף טויזנט פיר הונדערט מיט אכט יאָר זינט די וועלט איז באַשאַפן), האָט אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון די זאַפּאָראָזשיער קאָזאַקן אין פוילן, אָנגעפירט פון באָגדאַן כמיעלניצקי, זענען זיי איבערגעפאַלן נישט די פוילישע פריצים, נאָר די יידן אין די שטעט און שטעטלעך וואָס זענען געווען אויף צינדז ביי די פּרי־

צים, די אָרענדאַרן פון די קרעטשמעס און די פּאָסעסאָרן פון די דערפער.

לויט נתן נאָטע האַנאָווער, אין זיין כראָניק אונטערן נאָמען „יון מצולה", זענען אומגעקומען אין יענע געשעענישן 600.000 יידן. לויט מנשה בן ישראל, וואָס האָט וועגן די געשעענישן צוגעשטעלט אַ שריפט דער ענגלישער רעגירונג און געבעטן פאַר די געליטענע יידן דאָס רעכט אַריינצוּוואַנדערן קיין ענגלאַנד, זענען דעמאָלט אומגעקומען 180 טויזנט יידן. די כראָניקעס וועגן יענע געשעענישן האָבן בכלל אַזעלכע נעמען ווי „טיט היון", „בצוק העתים". יידישע היסטאָריקער נעמען אויף די געשעענישן פון ה'ת"ח פאַרשידן. דער דערמאָנטער האַנאָווער גופא שטעלט דאָרט אַרויס די פּוילישע פּריצים ווי צדיקים, ווי יידישע פּאַרטייִדיקער. ד"ר י. שאַצקי, אין זיינעם אַ קאָמענטאַר איבער האַנאָווערס „יון מצולה", ווייזט גראָד אָן די שולד פון די פּריצים.

אין דעם זעלביקן צייטאָפּשניט פון דעם קאָזאַקן-אויפשטאַנד קעגן פּוילן (1648—1658) אין מזרח־זייט, האָט דאָס פּוילישע מיליטער אין די געגנטן פון קליין־און גרויס־פּוילן, אָנגעפירט פון דעם העטמאַן טשאַרנעצקי קעגן די שוועדן, גערויבט און געמאָרדעט יידן פאַר זייער כלומרשטער פריינדשאַפט צום שונא. לויט אייניקע היסטאָריקער זענען פון טשאַרנעצקיס האַנט אומגעקומען נישט ווייניקער יידן ווי פון כמעלניצקיס.

די אויסוואַנדערונג פון פּוילן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אָנפאַנג די פערציקער יאָרן פונעם 17טן יאָרהונדערט צוליב דעם קריזיס אין יידישן האַנדל, האָט איצט באַקומען אַ פּאַנישן כאַראַקטער. אַ סברה אַז די ידיעות וועגן דעם אומגליק אין פּוילן, וואָס אַנטלאָפענע און געפאַנגענע יידן האָבן געבראַכט מיט זיך קיין טערקיי, האָבן אונטערגעאיילט די „התגלות" פון דעם פאַלשן משיח שבתי צבי.

נאָך די געשעענישן, וואָס האָבן צעטרייסלט דאָס פּוילישע יידנטום עקאָנאָמיש און גייסטיק, האָט דער „ועד ארבע ארצות" געפּרוּווט צוריק באַפעסטיקן דעם יידישן מעמד, דער עיקר זיין אייגענעם פּרעסטיזש אַלס ערוב ביים מלכות פאַר דעם יידישן שטייער, נאָר דאָס איז אים נישט געלונגען און יידן האָבן גענומען צאָלן זייער שטייער נישט קאָלעקטיוו, נאָר „פּער קאָפּ". דער ועד האָט זיך פון דעמאָלט אָן שוין באַשעפטיקט מיט בלויז יידישקייט־אינטערעסן, מיט דעם קאַמף קעגן שבתי צבי, פראַנק און די ערשטע חסידים קעגן הפקירות פון די ווייבער, מיט חרם און מוסר. דער ועד איז געווען הילפלאָז קעגן דער אומאויפהערלעכער עקאָנאָמישער ירידה פון דעם האַלבן מיליאָן פּוילישע יידן און קעגן די אָפטע איבערפאַלן פון די קאָזאַקן אויף די אוקראַיינישע יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער פּוילישע ממשלה. די דאָזיקע איבערפאַלן האָבן זיך געצויגן אַ משך פון הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, ביז זיי האָבן זיך פאַרענדיקט מיט די איבערפאַלן פון דער „היידאַמאַטשינע" איבער הויפּט אין פּאָדאָליע, אין יאָר 1768, אַ פערטל יאָרהונדערט פאַר דעם ווי דער דאָזיקער טייל אוקראַינע איז געוואָרן די פּאָדאָליער גובערניע פון דעם צאַרישן רוסלאַנד.

אין אָט דעם לעצטן פערטל יאָרהונדערט, וואָס איז אויך געווען דאָס לעצטע פערטל יאָרהונדערט פון דער פּוילישער מלוכה פאַר איר לעצטער צעטיילונג, האָט די פּוילישע געזעלשאַפט גענומען זוכן וועגן ווי צו לייזן די יידן־פראַגע אין פּוילן. אָבער, מערקווירדיק, אויסער איינעם, דעם ראַדיקאַל קאָלאָנטיי, איז קיין איינעם פון די רעפאָרמער און אויסבעסערער פון דער יידישער לאַגע אין פּוילן נישט איינגעפאַלן צו פאָדערן פאַר די יידן גלייכע רעכט מיט פּאָליאַקן. טייל האָבן גלייך געפאָדערט באַפעסטיקן די אַלטע קלעריקאַל־פּריצישע אַנטי־יידישע פּאָליטיק, נאָר מיט אַ צוגאָב: „איבערדערציִען די יידן" אָדער אונטערוואַרפן זיי אַ „צוואַנגס־בילדונג". אַזאַ פּראָיעקט מיט דעם ערשטן צוגאָב האָט אין יאָר 1780 אַריינגעטראָגן אין סיים דער געוועזענער פּוילישער אויסערן־מיניסטער אַנדזשעי זאַמאָיסקי. פאַר דער צווייטער ריכטונג זענען געווען די ליבעראַלן בוטרימאָוויטש און טאַדעוש טשאַצקי.

וואָס אַזוינס יענע פּוילישע ליבעראַלן האָבן געמיינט מיט צוואַנגסבילדונג, האָט בוטרימאָוויטש שפּעטער אויפגעקלערט אין אַן אַנאָנימער בראָשור, וואָס איז דערשינען אין 1782 און פון אים אַרויסגעגעבן אין 1789: אָפּנעמען ביי די קהילות (ביי די „קאַהאַלן" הייסט עס ביי אים) די אַדמיניסטראַטיוו־פינאַנציעלע פונקציעס און איבערלאָזן פאַר זיי נאָר די השגחה איבער די רעליגיעזע מינהגים; אין רעליגיעזן און אפילו פּריוואַטן בריווטויש באַנוצן בלויז פּויליש; יידישע רעליגיעזע ספרים איבערזעצן אויף פּויליש און יידישע געדרוקטע ספרים נישט אַריבערלאָזן די גרענעץ; די טראַדיציאָנעלע יידישע הלבשה פאַרבייטן מיט פּוילישער; פאַרבאָטן יידן האַלטן שענקען אין די דערפער, נאָר דערלויבן זיי האַלטן אין אָרענדע פּריצישע ערד און די וואָס באַשעפטיקן זיך דערמיט דערלויבן פריי באַוועגן זיך פון איין אָרט אויפן צווייטן. צו דעם פּראָיעקט האָט בוטרימאָוויטש בלויז צוגעגעבן אַז יידן דאַרפן נישט צוגעלאָזט ווערן צום מיליטערישן דינסט ביז זיי וועלן זיך נישט דורכדרינגען מיט דעם נייעם גייסט און מיט דעם פּוילישן פּאַטריאָטיזם.

קאָלאָנטיי האָט געפאָדערט פאַר יידן גלייכע בירגעררעכט, אָבער... זיי זאָלן זיך אָפּראַזירן די בערד... טשאַצקיס פּראָיעקט איז געווען אַ וואַריאַציע פון בוטרימאָוויטשעס, מיט אַ צוגאָב פון אַ רעפאָרם בנוגע חתונות ביי יידן. די אַלע פּראָיעקטן, אַריינגעטראָגן אינעם 4יאָריקן סיים (1788—1792) זענען איבערגעגאַנגען צו אַ סיים־קאָמיסיע וואָס איז געווען „פאַרוואָרפן מיט אַרבעט" און האָט קיין צייט נישט געהאַט מיט דעם ענין זיך צו באַשעפטיקן... נאָך אַ הייסער רעדע פון בוטרימאָוויטשן אינעם סיים אין 1791 וועגן דעם „אומגליקלעכן פאָלק וואָס קען זיך אַליין נישט העלפן און ווייסט אפילו נישט אין וואָס זיין הילף באַשטייט", און נאָך אַ צווייטער רעדע פון דעם דעפּוטאַט יעזשערסקי, וואָס האָט געזאָגט אַז יידן זענען „נוצלעכע איינוווינער" און „נישט מען דאַרף זיי ערשט נוצלעך מאַכן", האָט דער סיים מסכים געווען אַרויפצונעמען די יידן־פראַגע אויף דער טאָג־אָרדענונג, נאָר מיט דעם באַדינג אַז יידן זאָלן אָפּצאָלן זייערע חובות דער רעגירונג...

נאָר פּוילן איז זיך צעפאַלן און דער סיים האָט זיך מיט דער לייזונג פון דער יידן־פראַגע אין פּוילן די אַלע פיר יאָר, וואָס ער האָט נאָך געלעבט זינט 1791, נישט באַשעפטיקט. דאָך האָבן יידן באַקומען, אויפן פּאָליציייִשן וועג, געוויסע פאַרלייכטערונגען, מען האָט דערלויבט יידן האַלטן נישט־יידישע דינערשאַפט און מען האָט פאַרבאָטן די מאַגיסטראַטן אַרויפלייגן אויף יידן העכערע שטייערן ווי זיי האָבן געצאָלט ביז דעמאָלט.

פאַראַן אַ ידיעה, נישט קיין באַשטעטיקטע, אַז דער קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט האָט אויפגענומען אַ יידישע דעלעגאַציע אין דער צייט פונעם פיריאָריקן סיים (1788—1792), וואָס האָט אים צוגעשטעלט אַ פּעטיציע וועגן שענקען יידן בירגעררעכט, רעכט צו קויפן הייזער און פּלעצער אין די שטעט, די יידישע קהילות זאָלן בלייבן ביי זייער אויטאָנאָמיע, און גאַראַנטירן יידן זייער אומאָפּהענגיקייט פון די מאַגיסטראַטן. די דעלעגאַציע האָט אים אויך פאָרגעלייגט אַ גרויסן סכום געלט אויפן יידישן חוב דער קעניגלעכער קאַסע.

אַ צווייטע ידיעה, אַ גאַנץ באַשטעטיקטע, גיט איבער אַ צוגעשטעלטע שריפט דעם קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט בעת דעם פיריאָריקן סיים, מצד זיין יידישן מעקלער אַברהם הירשאָוויטש, וואָס ווייזט אָן אַז „מען וואָלט באַדאַרפט צוציִען יידן צו מלאכה און ערדאַרבעט, פאַרבאָטן יידן פריִע חתונות, רבנים זאָלן פאַרבלייבן נאָר אין גרויסע שטעט, מחמת אין די קליינע שטעטלעך באַקומען זיי שטעלעס ביי די גוט־באַזיצער און לייגן דערנאָך אַרויף שווערע שטייערן אויף זייער עדה, די קהילות נישט אָפּשאַפן נאָר די רעגירונג זאָל רעגולירן זייערע תקנות, וואָרעם „יידן אַליין קענען פאַר זיך קיין קלוגע תקנות נישט איינפירן".

פון די אַלע פּראָיעקטן, פּוילישע און יידישע, ווי צו פאַרבעסערן די יידישע לאַגע אין פּוילן, איז צו זען אַז צו יענער צייט איז אָנגעוואַקסן אין פּוילן עפּעס אַזוינס וואָס האָט געצוואונגען, גראָד נישט אַזוי די מאַסן פּוילישע יידן — וואָס זייער צאָל האָט שוין דעמאָלט געגרייכט צו העכער 900.000 — וואָס „קענען אַליין פאַר זיך קיין קלוגע תקנות נישט איינפירן", זיך צו פאַרטראַכטן אויף דער געשאַפענער לאַגע, נאָר אונדזערע אַלטע באַקאַנטע „קלוגע לייט", איינפירער און פאַרזאָרגער, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן פילן ווי נישט אין זייערע טעלער, מיט דעם אויפקום פון דעם נייעם שטאָטישן שטאַנד.

דער נייער שטאַנד איז גאָרנישט קיין ענלעכער צו דעם איינגעשטאַנענעם דייטשן בירשענקער און שינקען־פאַרקויפער, וואָס פירט אָן מיט דעם מאַגיסטראַט. דער נייער שטאָטישער שטאַנד, דער יאַרידניק, דער טרעגער, דער פורמאַן, דער בעקער, דער שוסטער און שניידער, איז אַ מענטש. אַ רירעווודיקער, מיט אַ פלינקן מוח, ער אָריענטירט זיך שנעל, פאַרלירט זיך נישט און איז גאָרנישט אַזאַ פּחדן ווי דער פוילישער פריץ האָט זיך איינגערעדט... דער דאָזיקער האָרעפּאַשנער עולם, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם רוב מינין פון אָט דעם קנאַפּן מיליאָן פוילישע יידן, האָט שוין דעמאָלט אָנגעזאָגט דעם אויפקום פון אַ רעוואָלוציאָנערן כוח אין פוילן, אַזאַ ווי דער וואָס האָט צערודערט פראַנקרייך און גרייט זיך שוין שטורעמען די פאַריזער באַסטיליע...

די 500 יידישע רייטער פון בערעק יאָסעלעוויטשעס קאַוואַלעריע־רעגימענט, וואָס איז אַרויס מיט אַזאַ גבורה און אויפאָפּערונג אין 1794 אויף דער זייט פון קאָשציושקאָ קעגן דעם פרייסיש־רוסישן מיליטער וואָס האָט באַזעצט פּראַגע, זענען דאָך נישט פונעם הימל אַראָפּגעפאַלן. זיי האָט פון זיך אַרויסגעגעבן די „יידן־ריינע" ווארשע, יענע יאַרידניקעס און פורמאַנעס, וואָס פלעגן נעמען דעם דייטשן מאַגיסטראַט אויף זיכער און גראָד פאַרבלייבן אין ווארשע נאָכן יאַריד... דאָס זענען יענע שניידער און שוסטער וואָס פלעגן בעת אַן איבערפאַל פון די ווארשעווער דייטשן זיך נישט לאָזן שפּייען אין דער קאַשע...

דאָס האָבן זיי אַרויסגערופן די זאָרג „פאַר יידן" ביי בוטרימאָוויטשן און טשאַצקין און געעפנט די אויגן ביי יעזשערסקין אַז מען דאַרף זיי נישט ערשט נוצלעך מאַכן, נאָר זיי זענען לאַנג שוין נוצלעך פאַרן לאַנד. און דאָס האָבן זיי אַרויסגערופן ביי דעם פּריציש יידן אברהם הירשאָוויטש זיין ביטעשריפט צום קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט, ער זאָל זען צוציען יידן צו מלאכה און ערדאַרבעט. אמת איז אַז צו מלאכה האָט מען זיי נישט געדאַרפט „צוציען", ווייל פוילישע יידן האָבן שוין צו יענער צייט געגעבן פון זיך 50 פּראָצענט פון דער צאָל בעל־מלאכות איבערן גאַנצן לאַנד און האָבן שוין אויך פאַרנומען אַ געוויסן אָרט אין דער אַגריקולטור, אַלס פּאַכטער פון סעדער און קולטיווירער פון גרינסן. זיי זענען שוין אויך געווען פישער און פליטן־פירער איבער דער ווייסל. זיי זענען נאָר נישט געווען קיין פּויערים־קנעכט אינעם פּריצישן זין פון וואָרט. אויך זענען זיי שוין געווען גאָרנישט אַזוי געזעלשאַפטלעך אומבאַהאָלפן ווי די פּני האָבן געמיינט. די יידישע בעל־מלאכות האָבן שוין דעמאָלט געהאַט זייערע אייגענע צעכן, וואָס פלעגן זיי פאַרטיידיקן קעגן די נישט־יידישע אָדער דייטשע. די בעל־מלאכישע שילן אין די שטעט און שטעטלעך, וואָס די „באַלעבאַטישע" און גבירישע שילן פלעגן קוקן אויף זיי מיט ביטול און חוזק, זענען אויך געווען שטאַנד־פּאָזיציעס פון די יידישע האָרעפּאַשניקעס, די פאָרגייער פון דעם אָרגאַניזירטן יידישן פּראָלעטאַריאַט אין פוילן.

די מערסטע פוילישע פּריצים און באַזונדערס דער קלער האָבן פאַר אָט דער עוואָלוציע פון פוילן, וואָס יידן האָבן אין איר געהאַט דעם גרעסטן חלק, קיין אויגן נישט געהאַט, פּונקט ווי זיי האָבן קיין אויגן נישט געהאַט פאַר דער עוואָלוציע פון גאַנץ אייראָפּע, וואָס פוילן האָט צו איר געקלעפּט, אַלס דאָס מערבדיקע סלאַווענטום. דער גרעסטער טייל פון דער קאַטוילישער שליאַכטע, אַ גייסטיק געפירטע פון די פוילישע יעזואיטן, האָט נאָך אַלץ געלעבט מיט די פוילישע אידייען פון 13טן יאָרהונדערט, ווען דער קלער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער פּריווילעגיע וואָס באָלעסלאַוו דער קאַלישער האָט געגעבן די יידן אין 1264, מיט אַ קעגן־רעזאָלוציע און פּראָטעסט אויפן בראַצלאַווער עקומענישן קאָנסיליום פון 1267. דער קלער האָט די רעזאָלוציע איבערגעחזרט אויפן קאַלישער קאָנסיליום פון 1420, און געהאָלפן די מאַגיסטראַטן מיט אַנטי־יידישע העצעס און בלוט־בילבולים וואו נאָר דאָס האָט זיך געלאָזט. באַזונדער בייז איז דער פוילישער יעזואיטישער קלער געוואָרן אין דער צייט פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין דייטשלאַנד קעגן דעם קאַטוילּיציזם אין די צוואַנציקער יאָרן פונעם 16טן יאָרהונדערט, וואָס האָט אַריינגעדרונגען אויך אין פוילן. די יעזואיטן האָבן די באַוועגונג געשילדערט ווי אַ יידישע. אין 1539 האָט די קאַטוילישע קירך פאַרברענט אויפן שייטער אַ לעבעדיקע די קראָקאָווער פּוילישע פּריידיקערין פון דער רעפאָרם, קאַטאַזשינאַ מאַליעשאָווסקאַ, אַלס „איבערגעגאַנגענע צום יידישן גלויבן".

דער סיום פון יאָר 1538 האָט אונטער דער העצע שטרענגער געמאַכט די אַנטי־יידישע געזעצן און דערין דאָס געזעץ. אַז יידן מוזן טראָגן זייער ספּעציפישע הלבשה, וואָרעם „יידן ווייזן אַרויס אומאַכטונג צו די אַלטע איינפירונגען און האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די סימנים וואָס גיבן אַ מעגלעכקייט זיי אויסצוטיילן פון קריסטן און האָבן זיך צוגעאייגנט מלבושים גאַנץ ענלעכע צו די קריסטלעכע, כדי מען זאָל זיי נישט דערקענען צווישן די קריסטן (אוט אינטער קריסטיאַנאָס דיגנאָסצי נאָן פּאָסינט). אין דער צייט פון דעם פוילישן נונציוש פּיאָטר האַמראַט, וואָס ציט זיך פון אָנהייב די פערציקער ביז סוף די פופציקער יאָרן, בייגן זיך די פוילישע „מלכי חסד", די ליבעראַלע קעניגן זיגמונט־אויגוסט און סטעפאַן באַטאָרי פאַר דער דאָזיקער קריסטלעכער פּאָליטיק און לאָזן פריי די יעזואיטישע העצער און דאָס איבערפאַלן יידן מיצד די „זשאַקעס", ווי מען האָט גערופן די תלמידים פון די יעזואיטישע סעמינאַרן, און יידן פלעגן זיך מוזן פון זיי אויסקויפן מיט אַ ספּעציעלן צינדז. די פוילישע שליאַכטע און איר קלער פון סוף אַכצנטן יאָרהונדערט האָט דערום באַטראַכט די דערמאָנטע פּראָיידישע פּראָיעקטן ווי אַ נייי אומגליק אויף דער קאַטוילישער קירך.

עס איז זיך נישט צו וואונדערן וואָס אין משך פון אָט די יאָרהונדערטן יעזואיטיש־שליאַכטישער הערשאַפט אין פוילן זענען אַ סך יידן נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון און זענען איבערגעגאַנגען צום הערשנדיקן גלויבן, ביפרט ווען עס האָבן זיך באַוויזן די רעפאָרם־ריכטונגען אין דעם קריסטנטום פון איין זייט און די יידיש־קריסטלעכע קאָמבינאַציעס פון דער צווייטער זייט. די אוניאַטישע באַוועגונג אין פוילן, וואָס האָט אָפּגעוואָרפן די דאָגמע פון דער דריי־איינקייט, און שפּעטער די פראַנקיסטישע, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט דער מאַטעריאַליזירונג פון דער קבלה און אָפּשאַפן די תרי"ג מיצוות (כדי „גלייך צו ווערן מיט די גויים") און האָט פאַרענדיקט מיט שמד, האָבן אַ גרויסע צאָל יידן לייכטער געמאַכט דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער יידישער עדה און אַריינטרעטן אין.. דער שליאַכטע.

ווארשע, וואָס האָט צו זיך געצויגן די יידן פון גאַנץ פוילן ווי אַ שטאָט פון פּרנסה און האָט געהאַלטן פאַרשפּאַרט פאַר זיי אירע טויערן און אירע גאַסן מיט אַלטע און אָפט באַנייטע דעקרעטן, פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ צווישן די פוילישע שטעט מיט משומדים. דעם פּלאַץ האָט זי פאַרנומען נאָך פאַר 1759, ווען דער אַוואַנטוריסט — משיח יעקב פראַנק האָט זיך דאָרט אָפּגעשמדט אין איינעם מיט עטלעכע הונדערט פון זיינע אָנהענגער.

אַז דער פוילישער קלער פלעגט כאַפּן אין דער נעץ פון דעם נישט־לעגאַלן יידישן וואוינרעכט אין געוויסע פוילישע שטעט. דער עיקר אין ווארשע, נישט נאָר יידישע נשמות, נאָר אויך מאַטעריעלע, גאָרנישט קריסטלעכע פאַרדינסטלעך, זאָגט עדות אַן אַקט וואָס געפינט זיך פאַרשריבן אין די ביכער פונעם ווארשעווער מאַגיסטראַט פון יאָר 1691: צו דער חתונה פון דעם קרוינפּרינץ יאַקוב סאָביעסקי, האָט דער מאַגיסטראַט אים געוואָלט אונטערטראָגן ווי אַ דרשה־געשאַנק אַ נייעם פאַרבאָט פאַר יידן צו דינגען קראָמען אויפן ווארשעווער מאַרק. אויף דורכצופירן דעם באַשלוס האָט דער מאַגיסטראַט געמאַכט די אָנגעוויזענע הוצאות: דעם קרוין־מאַרשאַלעק פאַר נישט דערלאָזן יידן אַריינקומען אין שטאָט — 66 זלאָטעס, דעם קסיאָנדז פאַר אַ מוסר־דרשה פאַר די פּריצים נישט צו געבן די יידן זייער פּראָטעקציע — 6 זלאָטעס, דעם קרוין־קאַנצלער — פּאָמעראַנצן און ציטרינען אין ווערט פון 54 זלאָטעס און קלענערע סכומים צו קלענערע באַאַמטע...

און דאָ גייען מיר איבער צו דער כראָניק וועגן דעם געראַנגל פון די ווארשעווער יידן פאַר זייער וואוינרעכט אין דער פוילישער הויפּטשטאָט, לויט די אַרבעטן פון מ. באַלאַבאַן, מ. ווישניצער און ע. רינגעלבלום.

מ. באַלאַבאַן שרייבט (ציטירט פון יובל־אויסגאַבע „היינט" 1908—1928, פּ. ק.) אַז „ביז סוף 16טן יאָרהונדערט זענען די באַמיאונגען פון איינצלנע יידן ווי אויך פון גרעסערע גרופּעס אומצוגיין דאָס געזעץ און זיך באַזעצן אין שטאָט געווען אומזיסט" און אַז „יעדעס מאָל איז זייער פּלאַן צו נישט געוואָרן פונעם

מאגיסטראט וואס האט שטרענג מקפיד געווען אז אין ווארשע זאל זיך נישט פארווארצלען קיין יידישער יישוב", אז „ווען די פוילישע רעזידענץ און צוזאמען מיט איר די סיים־סעסיעס זענען איבערגעטראגן געווארן קיין ווארשע, האבן די פריצישע סענאטארן און דעפוטאטן מיטגעבראכט קיין ווארשע „זייערע יידן", אז „ווען דער סיים פלעגט געשלאסן ווערן, האבן די יידן נישט געטארט לענגער בלייבן אין שטאט און האבן געמוזט אוועקפארן מיט זייערע סחורות, נאר מיט דער צייט האט מען דערלויבט אלע יידן וואוינען אין ווארשע בעת די סיים־סעסיעס ווי אויך צוויי וואכן פריער און צוויי וואכן שפעטער. און דאס האבן א טייל יידן אויסגענוצט און האבן מאגאזינירט זייערע סחורות אויף א לענגערער צייט און אויף אזא אופן געהאט א סטאבילן זיץ".

מ. ווישניצער, ווי מיר האבן שוין פריער אנגעוויזן, שרייבט אז דער געזעץ איז בכלל געווען א טויטער בוכשטאב און גיט אן אלס באווייז דאס וואס באלד נאך דער באנייאונג פונעם דעקרעט פון יאר 1483 מצד זיגמונט דעם 1טן אין יאר 1527, ווען ער האט פאראייניקט מאזאוויע צו דער פוילישער מלוכה, האט ער אליין פארארדנט דעם ווארשעווער וואיעוואדע אז נישט־יידישע בעלי־חובות צו שטאטישע אדער אויסערשטאטישע יידן דארפן זיך צושטעלן צום יידישן געריכט. ע. רינגעלבלום (זע „יידן אין ווארשע אין 18טן י"ה און זייער רעכטלעך־געזעלשאפטלעכע לאגע". 2טער באנד „היסטארישע שריפטן" פון ייווא, ווילנע 1937) שרייבט, אויפן גרונט פון ארכיוור־מקורים, אז „די מאכט האט נאר געוויסע קאטעגאריעס יידן דערלויבט צו וואוינען, אבער אויך אן פרויען און קינדער. פון דעסט וועגן האבן יידן שטענדיק געוואוינט אין ווארשע. געווען צווישן זיי אזעלכע וואס זענען דא געבוירן געווארן און דא אפגעלעבט אלע זייערע יארן, אין די געריכטן דערקלערן יידן אז זיי וואוינען אין ווארשע אפילו צו 40 יאר. די גרושים פון צייט צו צייט זענען געווען א טרויעריקער אינטערמעצא, וואס דעמאלט האבן די ארעמע שיכטן געמוזט פארלאזן ווארשע אדער זיך ערגעץ וואו אויסבאהאלטן. די רייכערע האבן אונטער דער שיץ פון די פריצים זיך באוועגט מער וויניקער פריי אפילו אין יענע שווערע צייטן".

דער היסטאריקער, העלד און קדוש פון ווארשעווער געטא, וואס ווידמעט דאס דערמאנטע שטודיום אין די ייווא־שריפטן דער פראגע צי האט עקסיסטירט אין 18טן י"ה א יידישע קהילה אין ווארשע, שרייבט דארט: לעגאל כלפי חוץ האט קיין יידישע קהילה נישט געטארט עקסיסטירן. אין דער אמתן אבער האט זיך דער יידישער כלל ארגאניזירט אין א קערפערשאפט, וואס האט, אמת, כלפי חוץ נישט געהייסן קהילה, האט אבער פאקטיש אויסגעפירט די זעלביקע פונקציעס ווי א קהילה. אזא ארגאניזירטער ייד' קאלעקטיוו האט געמוזט זיין אין ווארשע, און האט כסדר געמוזט שטיין אויף דער וואך פון די ארטיקע יידישע אינטערעסן, מען האט אן אויפהער געמוזט זאמלען געלט אויף מתנות פאר פארשיידענע הויכגעשטעלטע פערזאנען, מען האט כסדר געמוזט קעמפן „מיט דער יידישער שווערד" — ווי מען פלעגט אנרופן שוחד — כדי די יידישע רעכט אין ווארשע זאלן נישט געמינערט ווערן. אויסער דעם האט דאך עמעצער געמוזט זארגן פאר די רעליגיעזע הצטרכותן פון דער יידישער עדה אין ווארשע".

ווי מיר האבן שוין פריער אנגעוויזן, האט זיגמונט דער 1טער פארארדנט דעם ווארשעווער וואיעוואדע וועגן נישט־יידישע בעלי־חובות, וואס דארפן געהארכן דעם יידישן בית־דין. שרייבט וועגן דעם ע. רינגעלבלום אז „די מארשאלעק־מאכט האט נישט אנערקענט די רבנים וואס האבן געהאט אן אויטאריטעט, און האט אויף זייער ארט באשטימט פון זיך דיינים. דאס האט אבער קנאפ וואס געהאלפן. יידן פלעגן גיין נישט צו די דאזיקע פון דער מאכט נאמינירטע גייסטלעכע באאמטע, נאר צו די אומלעגאלע רבנים, וואס צו זיי האבן זיי געהאט צוטרוי". „עס האט אויך עקסיסטירט א מין געהיימער שטענדיקער בית־דין, וועלכער האט אנגעקניפט א גאר אלטע טראדיציע. דער דאזיקער בית־דין האט זיך געפונען אין דעם זעלביקן הויז, וואו עס האט זיך אין מיטל־עלטער געפונען די יידישע שיל אויף דער גאס דונאי".

קעניג זיגמונט אויגוסט האט דעם דעקרעט באנייט אין יאר 1570 און אין אים פיגורירט שוין א פונקט אז יידן איז פארבאטן צו וואוינען סיי אין דער אלטער און סיי אין דער נייער ווארשע, אפילו אין דער צייט פון די סיים־זיצונגען, אויב דער קעניג געפינט זיך דעמאלט אין שטאט. וויטערדיקע פונקטן אין דעם באנייטן דעקרעט גיבן שוין גאנץ דייטלעך צו וויסן פון וואנען דער אנטי־יידישער פארבאט האט געשטאמט: „יידן טארן זיך נישט באשעפטיקן אין ווארשע נישט מיט האנדל און נישט מיט קיין שום אנדער באשעפטיקונג וואס קען אוועקנעמען פרנסה ביי די שטאטישע איינוואוינער, יידן טארן נישט אריינקומען קיין ווארשע אן א ספעציעלער דערלויבעניש פון מאגיסטראט, יידן טארן זיך נישט באזעצן און נישט האנדלען ביז צוויי מייל ארום דער שטאט, מעג דאס ארט זיין דאס אייגנטום פון וועמען עס איז, דער ענין וואוינרעכט פאר יידן אין ווארשע און צוויי מייל ארום דער שטאט געהערט אויסשליסלעך צום מאגיסטראט און טאר נישט זיין פארבונדן מיט וועלכן עס איז אויסנאם וואס דער קעניג אדער זיינע יורשים מאכן לטובת דעם אדער יענעם יאריד". דער יידישער שונא איז דער דייטשער קאנקורענט, א געשיצטער פונעם מאגיסטראט.

קעניג סטעפאן באטארי, וואס האט געקעניגט איבער פוילן פון 1576 ביז 1586, האט געשמט אלס איינער פון די יושרדיקסטע פוילישע קעניגן. ער האט באלד ביי זיין קומען צו דער מאכט, אויף דער בקשה פון די טראקער, נאוואגרודקער, גראדנער, פינסקער און טיקאטשינער יידן ארויסגעלאזט א „ליסט" וואס פארווערט צו באשולדיקן יידן אין גנבענען און דערמארדן קריסטלעכע ייגגלעך, די שולדיקע אין פארשפרייטן אזעלכע קלאנגען וועלן צוגעצויגן ווערן צום געריכט ווי בלבול־מאכער און פארלוימדער, און די וואס וועלן צוברענגען אזעלכע בלבולים צו דער מאכט — באשטראפט ווערן מיט טויט; מיט א יאר שפעטער האט ער דעם דעקרעט אנגעווענדט אין שייכות מיט א בלוט־בלבול אינעם ליטווישן שטעטל וואין, און אין זיין צייט (1580) איז געגרינדעט געווארן דער „וועד ארבע הארצות"*) וואס איז געווען די איניציאטיוו פון זייער פארגייער זיגמונט אויגוסט, ער האט אפגעשאפט די ספעציעלע יידישע שבועה אין געריכט, די„מארע יודאיקא", וואס איז געווען א דערנידערונג פאר יידן, האט פארבאטן משפטן יידן לויטן מאגדעבורגער רעכט (דאס אויטאנאמע רעכט פונעם מאגיסטראט), וואס דאס האט געמיינט, פון די אויסגעשפראכענע שונאים פון די יידישע איינוואוינער. און אט דער קעניג „אוהב ישראל" האט אויך מיט זיינעם א דעקרעט באקרעפטיקט דעם פארבאט פאר יידן צו וואוינען אין ווארשע און ארום איר און די פארפליכטונג פאר יידן צו בעטן א דערלויבעניש ביים מאגיסטראט אויף צו מעגן אריינקומען אין שטאט.

וולאדיסלאוו דער פערטער האט אין 1648 באנייט באטאריס דעקרעט, וואס ער אליין האט אויף אים עובר געווען אין 1646 מיט זיין ווענדונג צום מאגיסטראט וועגן אן אויסנאם פאר דעם פרנס הכולל פון די פוילישע יידן, מארק נעקעל. דעם דעקרעט האט וולאדיסלאוו באקרעפטיקט מיט א שטראף פון 2.000 גילדן אויף די וואס באהאלטן אוים ביי זיך יידן, און ביי די יידן גופא זאנפיסקירן זייערע סחורות.

וולאדיסלאוו דער 4טער, ווי זיין פאטער זיגמונט דער 3טער, ביידע פלאמיקע קאטאליקן, זענען אליין געווען קרבנות פון זייער פאנאטיזם, זיי האבן זיך געלאזט פירן פון די פוילישע יעזואיטן. אין זייערע יארן הערשאפט האט דער פוילישער קלער ווידער צעפלאמט די יידן־שנאה אין פוילן און דאס לאנד איז פארפלייצט געווארן מיט דער עקלדיקסטער גלחישער פאמפלעטן־ליטעראטור קעגן יידן און יידישקייט, מיט בלוט־בלבולים און פראצעסן קעגן יידן פאר שענדן קריסטלעכע הייליקייטן. אונטער זיין הערשאפט איז מעגלעך געווען די ווענדונג פון גלח מיטשינסקי צום ווארשעווער סיים

*) סיי באלאבאן און סיי מ. ווישניצער שטרייכן אונטער, בעת זיי רעדן וועגן דעם „וועד ארבע ארצות", אז ער איז באשאפן געווארן צוליב דעם קאלעקטיוון איינזאמלען דעם יידישן שטייער; אנשטאט איינזאמלען אים פון יעדער קהילה באזונדער, זאלן יידן אריינטראגן אן אלגעמיינעם סכום, וואס זאל דערנאך אויפגעמאנט ווערן פון די קהילות דורך א צענטראלן יידישן ארגאן. אונטערגעגאנגען איז דער וועד, נאך צווייהונדערט יאר עקסיסטענץ, אויך צוליב דעם יידישן שטייער וואס דער צענטראלער ארגאן איז מער נישט געווען בכוח אריינצוטראגן אין דער צייט פון דער פאליטישער צערודערונג צווישן דער פוילישער שליאכטע און עקאנאמישן קריזיס צווישן די פוילישע יידן. זיי ווענדן דערמיט אפ דובנאוון וואס גיט אן די גרינדונג פונעם „וועד" אלס אויפטו פון א רבנים־צוזאמענפאר, און אז דער צוזאמענפאר זאל האבן באשטימט דעם געמיינזאמען יידישן שטייער און באקומען דערצו דעם הסכם פון סטעפאן באטארי.

ארויסצוטרייבן די יידן פון פוילן, און אונטער זיין הערשאפט פאלן אוים די שרעקלעכע הריגות אויף יידן פון כמעלניצקי און טשארנעצקי. וולאדיסלאוו דער פערטער איז אייגנטלעך געווען דער קעניג פון דעם קלער און פון די פארביסן קאטוילישע פריצים. די ליבעראלע פוילישע פריצים האָבן געהאט אלס פירער דעם פירשט ווישניעוועצקי, זייער קאנדידאט אויף קעניג ,וואָס האָט ביי די קעניג־וואלן באקומען ווייניקער שטימען און מען האָט אים גערופן דער אנטיקעניג.

יאן קאזשימיעזש, וואָס האָט פארנומען דעם פוילישן טראָן נאָך וולאדיסלאוו דעם פערטן, האָט געוואָלט פארגלעטן די יידישע לײדן אין די טראגישע יאָרן פון וולאדיסלאוון און האָט צונויפגענומען אין איינער אלע פריווילעגיעס וואָס יידן האָבן באקומען פון די פוילישע מלכים ביז אים, פון באָלעסלאוו דעם קאלישער ביז סטעפאן באטאָרי, און האָט נאָך צוגעגעבן זיינע אייגענע. נאָר דער וו א ר ש ע וו ע ר מאגיסטראט און דער סיים האָבן זיך געהאלטן ביי דעם אלטן פארבאָט און האָבן צוגעגעבן צו אים נייע שטרענגע פונקטן. דער דעקרעט איז דערנאָך באנייט געוואָרן אויף די סיים־סעסיעס פון 1676, 1737, 1740, 1761, 1763, 1765 און 1770. עס איז שוין געוואָרן א נאָרמאלע זאך: באלד נאָכן דעקרעט לייגט מען ארויף א שטראָף אויף די איינפאָרהייזער אָדער בעלי־בתים פון די פריוואטע הייזער, וואו עס האָבן זיך אויפגעהאלטן יידן, עטלעכע יידן שיקט מען ארוים און ווען זיי קומען צוריק מאכט מען זיך נישט זעענדיק.

אן אויסנאם פון אָט דער „נאָרמאלער" לאגע פון יידן אין ווארשע איז געווען די צייט ווען דעם אמט פון קרוין־מארשאלעק אין ווארשע, אונטער דער הערשאפט פון קעניג אויגוסט דעם דריטן, האָט פארנומען פראנציישעק ביעלינסקי. געווען איז ער א „גוי א רשע", וואָס האָט זיך נישט געלאָזט אונטערקויפן, און יידן האָבן פון אים שטארק געליטן. וועגן דעם מארשאלעק ביעלינסקי שרייבט ע. רינגעלבלום אין דער שוין דערמאָנטער ארבעט אין צווייטן באנד „היסטאָרישע שריפטן" פון ייוואָ „מען באדארף משער זיין אז ביעלינסקי, וואָס ווערט פאררעכנט פאר איינעם פון די בעסטע מארשאלקעס פון ווארשע, וועמען די הויפטשטאָט פארדאנקט זייער א סך אין פרט פון אָרדענונג, האָט זיך אויך באמיט צו מאכן א סדר אין די ענינים פון די ווארשעווער יידן. לאנגע יאָרן האָט ער געפירט א קאמף מיט די יידן אין ווארשע און זיי אומברחמנותדיק געטריבן פון שטאָט. סוף כל סוף האָט ער אָבער געמוזט איינזען אז עס איז אוממעגלעך איינצוהאלטן דעם צושטראָם פון יידן אין דער הויפטשטאָט, וואָס מיט איר איז דאָס גאנצע לאנד געווען פארבונדן דורך טויזנטער פעדעם. אָפּגעזאָגט זיך פונעם געדאנק וועגן פארטרייבן אין גאנצן די יידן פון ווארשע, האָט ער מסתמא באשלאָסן אריינצוברענגען א סדר אין דעם מצב פון יענער קאטעגאָריע וואָס ער האָט איבער כמה טעמים געמוזט דערלויבן דאָ צו וואוינען. ער האָט זיי דעריבער דערלויבט אין די 60ער יאָרן צו אָרגאניזירן זיך אין דער פאָרעם פון א קהילה. גלייכצייטיק אָבער האָט ער באשטימט זיינעם א פארטרויאונגס־מאן, דעם סינדיק, וועלכער זאָל אים מיטהעלפן ביים אָנווענדן די תקנות פון געזעץ לגבי די יידן פון דער הויפטשטאָט."

די דאָזיקע יידישע קהילה אין ווארשע, וואָס ביעלינסקי האָט דערלויבט צו אָרגאניזירן אָדער האָט זי אליין אָרגאניזירט, האָט, אגב, אָנגעהאלטן א צייטאָפּשניט פון 15 יאָר, פון 1750 ביז 1766. און האָט פארצייכנט אין דער געשיכטע פון ווארשע אן אינטערעסאנט קאפיטל, דאָס קאפיטל „סינדיקעס", וואָס ציט זיך א סך לענגער ווי די עקסיסטענץ פון ביעלינסקיס קהילה, כמעט ביזן סוף פון מלכות פוילן אין 1795, ריכטיקער ביזן דורכפאל פונעם קאָשציושקאָ־אויפשטאנד. די דאָזיקע „סינדיקעס" האָבן אויף זיך געהאט פּאָליציייאישע, אדמיניסטראטיווע, געריכטלעכע, רעליגיעזע און קאָנטראָלירנדיקע אויפגאבעס און זיי האָבן געהאט צו זיך געהילפן.

„א שווארץ בלעטל אין דער געשיכטע פון די ווארשעווער יידן — זאָגט ע. רינגעלבלום — האָבן אריינגעשריבן אָט די יידישע „מושלים" מיט זייערע אונטערהעלפער". ער רופט זיי אָן „דורך דעם מארשאלעק געזאלבטע „יידישע מלכים", וואָס האָבן געהאלטן אין זייערע הענט דאָס לעבן און פארמעגן פון טויזנטער יידן אין ווארשע". ער רעכנט זיי אלע אויס, כאראקטעריזירט זיי, דערציילט זייערע אָפּערעס און ווארפט אָן, ווי ער באצייכנט עס, א „מוראדיק בילד פון געפאלנקייט און דעמאָראליזאציע, א קנויל פון שרעקלעכער קאָרופּציע".

פון די אויפגאבעס וואָס די „סינדיקעס" האָבן אויף זיך געהאט גיבן מיר דאָ איבער, ציטירט פון „היסטאָרישע שריפטן" פון „ייוואָ", נאָר די וואָס זענען שייך דער השגחה איבער דעם נישט לעגאלן אויפהאלט פון יידן, און באלייכטן דעם זין פון דעם מארשאלעק ביעלינסקיס אויפטו: „די אינסטיטוציע פון די סינדיקעס — שרייבט ע. רינגעלבלום — איז באשאפן געוואָרן ניט לטובת די יידן פון ווארשע, נאָר ווי א געצייג קעגן זיי. וואָרעם ווער האָט דען בעסער געקענט פירן דעם קאמף מיט די יידן, וואָס וואוינען אומלעגאל אין ווארשע, אויב נישט דער יידישער סינדיק? דעמאָלט איז אזא מין קאמף געווען א סך שווערער ווי היינט. קיין פאמיליע־נעמען האָבן יידן נישט געהאט, קיין מעלדונגספליכט און אנדערע פאָרמען פון רעגיסטראציע האָבן אויך נישט עקסיסטירט. ווי אזוי זשע האָט מען געקענט וויסן וועלכער פון די 10 אָדער 20 הערשקאָס צי מאָשקעס האָט יאָ רעכט און וועלכער האָט נישט קיין רעכט צו זיין אין ווארשע? דער סינדיק מיט זיין שפּיאָניר־אפּאראט, די אזוי גערופענע „שמשים" (Szkolnicy) האָבן צום בעסטן געקענט אויספירן די דאָזיקע ארבעט, און ווי עס ווייזט אוים האָבן זיי טאקע בשלמות אויסגעפירט".

„אלע אינסטרוקציעס (Dyspozycje) אָדער אָרדינאציעס (Ordynacje) פון די קרוין ־ מארשאלקעס חזרן כסדר איבער, אז דער חוב פון סינדיק איז אויסצוזוכן און צו מעלדן וועגן אזעלכע יידן (פון די אומלעגאלע) וואָס פארנעמען זיך מיט מעקלעריי, מיט מלאכה, וואָס פארקויפן „טאנדעט־סחורה" אא"וו. מיט איין וואָרט, דער סינדיק מיט זיינע משרתים האָבן אויסגעפירט פּאָליציייאיש־אדמיניסטראטיווע פונקציעס לגבי דער יידישער באפעלקערונג".

„נאָך בעלינסקיס טויט — שרייבט מ. ווישניצער — האָט די לאגע זיך געבעסערט". לויט ע. רינגעלבלומס שילדערונג פון די אויפגאבעס וואָס די סינדיקעס האָבן אויסגעפירט, און פון זייער אויפפירונג ביז 1794, איז שוין שווער צו זאָגן מיט וואָס די לאגע האָט זיך געבעסערט. אָפיציעל האָבן אויך איצט יידן געמעגט קומען קיין ווארשע אויף דער צייט פון די סיים־סעסיעס: צוויי וואָכן ביזן סיים האָט מען מיט טרומייטן צו וויסן געגעבן אז יידן מעגן אָנהייבן האנדלען און זיך פארנעמען מיט זייערע מלאכות, און צוויי וואָכן נאָכן שליסן דעם סיים האָט מען אויך אזוי מודיע געווען אז זיי דארפן ארויספאָרן פון דער הויפטשטאָט. ווער עס האָט זיך געשפעטיקט, האָט מען מיט גוואלד ארויסגעיאָגט. נאָר מיט פארשיידענע תירוצים איז דער ייד מיט א פּאָר טעג שפּעטער צוריק געקומען און איז שוין פארבליבן אויף עטלעכע וואָכן, אריבערפאָרנדיק פון איין טייל שטאָט אין דעם צווייטן, מיט דעם אָפענעם טייסטער אין דער האנט פאר דעם מארשאלעקס זשעדנע באאמטע.

„אין שייכות דערמיט — שרייבט ווייטער מ. ווישניצער — האָט דער מארשאלעק ליובאָמירסקי איינגעפירט ספּעציעלע קוויטלעך, וואָס אָן זיי האָבן יידן נישט געטאָרט זיך באווייזן אין דער הויפטשטאָט אונטער א דראָונג איינגעשפּארט צו ווערן אין תפיסה. פאר א קוויטל מיט א טערמין אויף פינף מעת־לעת האָט מען גענומען א זילבערנעם גילדן. און באקומען האָט זיך דערפון א הכנסה פון 200.000 גילדן א יאָר."

עטלעכע מאגנאטן, וואָס האָבן פארנומען א הויכע פּאָזיציע אין דער מלוכה, האָבן באשלאָסן באזעצן יידן אויף זייערע פּלעצער הינטער דער שטאָט. פון די דאָזיקע יידישע ישובים איז מערסטנס געווען „נאָווא־יעראָזאָלימא", הינטער די שפּעטערדיקע יעראָזאָלימסקע ראָגאטקעס. ליובאָמירסקי האָט פּראָטעסטירט דערויף. און ארויסגעקומען איז דערפון א קריג צווישן אים און דעם פירשט סולקאָווסקי מיט נאָך מאגנאטן, וואָס האָבן זיך פארזיכערט מיט דער הסכמה פון דער „ראדא ניעוסטאיאנצא", וואו סולקאָווסקי איז געווען פּאָרזיצער. דאָס געריכט האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון ליובאָמירסקי, וואָס האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן נישט געקוקט דערויף וואָס דער קעניג האָט זיך אריינגעלייגט אין שלום און איז אליין געקומען אים בעטן. ליובאָמירסקי האָט זיך באזאָרגט מיט אלע יורידישע פאָרמאליטעטן און האָט זיך גענומען אויספירן דעם באשלוס. דעם 22טן יאנואר 1775 האָט מען צעהאקט אלע הייזער, וואָס יידן האָבן אויסגעבויט הינטער דער שטאָט און די סחור־

רות האָט מען אויספּאַרקויפט אונטערן האַמער לטובת די אַראָפּגעטריבענע יידן.

„נישט געקוקט אויף די אַלע שטערונגען וואָס מען האָט געמאַכט די יידן זיך צו באַזעצן אין דער הויפּשטאָט, האָבן זיי זיך דערנאָך גענומען באַזעצן אין סאַמע שטאָט אין אַ גאָר היפּשער צאָל. אין 1781 האָט מען שוין אָנגעציילט 3532 מאַן. געווען זענען צווישן זיי בעלי־מלאכות, טרעגער, מעקלער. אליין פלעגן זיי דעם גאַנצן טאָג אַרומשמייען איבער דער שטאָט זוכן אַ פאַרדינסטל און די משפּחות פלעגן זיי אויסבאַהאַלטן אין די הייזער: מענער, קען מען, אַלנפאַלס אָננעמען פאַר דורכרייזנדיקע. פונקט ווי אין די צייטן פון אויגוסט דעם דריטן, ווען די „זשאַקעס" פלעגן אומבאַשטראָפט באַפאַלן יידן, אַזוי פלעגט מען זיי אויך איצט באַפאַלן.

„אין „פּאַמיענטניק היסטאָריטשני פּובליטשני" (1783) האָט אַ פּוילישער פּובליציסט געשריבן: „ סאַראַ מוראַדיקע סצענעס מיר זעען צו אין דער הויפּטשטאָט אין די פייערלעכע יום טוב־טעג: טומלדיקע מחנות שילער און אַפילו דערוואַקסענע מענטשן יאָגן זיך נאָך די יידן און שלאָגן זיי מיט די שטעקנס. מיר האָבן אַליין געזען אַ מחנה וואָס האָט אָפּגעוואַרט אַ יידן, האָט זיין פערד פאַרהאַלטן און אים האָט זי געשלאָגן און פון וואָגן אַראָפּגעוואָרפן. אָ! קען מען דען גלייכגילטיק צוזען אַזעלכע רעשטן פון באַרבאַריע?!".

„די מערסטע יידן האָבן געוואוינט אויף קראַקאָווסקע פּשעדמיעשטשע, ווען סוף מיי 1784 איז אויף דער באַמיאונג פונעם מאַגיסטראַט אַרויס דער באַפעל פונעם מאַרשאַלעק מנישקאַ זיי אַרויסצוטרייבן. די יידן, פאַרצווייפלטע, האָבן זיך געווענדט צום קעניג, נאָר ער איז אוממעכטיק געווען עפּעס צו טאָן פאַר זיי. יידן האָבן דעמאָלט באַשלאָסן אויף שטענדיק צו פאַרלאָזן וואַרשע און אַריבערקלייבן זיך קיין ראַשין, אַ גוט פונעם קעניגס באַנקיר פּיאָטר טעפּער, און ער האָט גערן דערצו מסכים געווען. דער מאַגיסטראַט האָט אין דעם איבערקלייבן זיך פון די יידן דערזען אַ רעה פאַר זיך און האָט געזוכט מיטלען צו שטערן דעריין. ער האָט געוואָרנט דעם גוטבאַזיצער אַז די פּריווילעגיע פונעם מאַגיסטראַט איז חל אויך אויף ראַשין און אַז ער גייט דערום קעגן דעם געזעץ. דאָס האָט נישט געהאָלפן, און דעמאָלט ערשט האָט דער מאַגיסטראַט באַשלאָסן צו דערלויבן יידן וואוינען אין דער הויפּטשטאָט, אָבער בלויז אין אַ באַשטימטן טייל, צווישן די גאַסן סענאַטאָרסקאַ און נאָוואָ־סענאַטאָרסקאַ, אויף דער רעכטער זייט מאַריוויל, אין די הייזער וואָס מען האָט ספּעציעל איבערגעבויט פון דעם געוועזענעם וואַרשיצקים און דערנאָך פּאָטשעיִם פּאַלאַץ. די הייזער האָט מען דעריבער אויך גערופן „פּאָטשעיִוו". געווען זענען עס איינשטאָקיקע הייזער מיט אַ לאַנגער ריי קראָמען.

די צאָל יידן אין וואַרשע איז געוואַקסן און זיי האָבן זיך גענומען באַזעצן אויף טלאָמאַצקע, קלאָפּאָצקע, ביעליאָטעטשנע, דאַנילאָוויטשאַ און אַנדערע גאַסן, ביז דעם קאָשטשיאָל פון דער דריי־איינִיקייט, אויפן ראָג פון נאַלעווקעס און דלוגאַ. די יידישע „פאַרפּלייצונג" האָט אויפגערודערט די נישט־יידישע צעכן, ספּעציעל די קירזשנער און די שניידער, און זיי האָבן גענומען סטראַשען, אין יאָר 1790, אַז זיי וועלן אויסהרגענען אַלע יידן ביז איינעם, אויב דער מאַגיסטראַט וועט ניט אויספּועלן ביים סיים (דער פירייעריקער סיים פון 1788—1792) וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין וואַרשע, אַרויסצוטרייבן די יידן.

„דער שטאָטפּרעזעס איז באַלד אַוועק אין סיים און צו וויסן געגעבן די דעפּוטאַטן וועגן די אומרוען. דער סיים האָט אַרויסגעשיקט צוויי דעלעגאַטן צו די צעכן און אויפן צווייטן טאָג האָט מען אַרויסגעטריבן פון דער שטאָט אַלע יידישע בעלי־מלאכות און גאַסן־הענדלער. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זענען שוין די אַרויסגעטריבענע יידן ווידער געווען אין וואַרשע.

„דעם 16טן מיי 1790 האָט אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם. אָנגעהויבן האָט ער זיך דערפון וואָס אַ דייטש אַ שניידער, פאָקס, האָט אָנגעטראָפן אַ יידן אַ שניידער טראָגן אַ שטיקל אַרבעט און ער האָט געפּרואווט דאָס ביי אים צונעמען. דער ייד האָט באַוויזן צו אַנטלויפן. פאָקס האָט אַרויסגערופן זיינע געזעלן און זיי האָבן געטראָפן דעם יידן אויף דער קלאָפּאָצקער גאַס ביי דער אַרבעט. יידן זענען אָנגעלאָפן אויסבאַהאַלטן דעם יידישן שניידער און עס איז געוואָרן אַ געשלעג. די געזעלן זענען אַרויס אויף דער גאַס מיט אַ געשריי אַז יידן האָבן דערהרגעט פאָקסן. אַ גרזיסער המון איז באַפאַלן די יידן, וועלכע האָבן זיך העלדיש פאַרטיידיקט אויף דער טלאָמאַצקע, דערנאָך האָט זיך דער המון געוואָרפן אויף די יידן וואָס האָבן געוואוינט אין די פּאָטשעיאָווער הייזער. מיליטער איז אָנגעקומען און איינגעשטעלט אָרדענונג. פאָקסן און נאָך איינעם אַ קירזשנער האָט מען אַרעסטירט, נאָר כדי צו באַרואיקן דעם עולם האָט מען געכאַפּט יידישע טרעגער, זיי צעשלאָגן און אַרויסגעשיקט פון שטאָט.

דעם 8טן פעברואַר 1792 האָט דער מאַגיסטראַט ווידער אַרויסגעגעבן רעפּרעסיווע פאַראָרדענונגען קעגן דער יידישער באַפעלקערונג און דערלויבט האָט מען פאַרבלייבן אין וואַרשע בלויז אייגנטימער פון קראָמען, 15 רעסטאָראַטאָרס און 5 זיגלמאַכער. סוחרים האָבן נישט געטאָרט האָבן מער ווי דריי אָנגעשטעלטע. עס איז פאַרבאָטן געוואָרן יידן צו האַלטן שענקען און פונאַנדערטראָגן אַלטוואַרג. דאָס אַלץ האָט גלייכגילטיק צוגעזען דער סיים, וואָס האָט געהאַלטן אין מיטן פאַרהאַנדלען די פראַגע ווי צו „פאַרבעסערן די לאַגע פון די יידן. . ."

מ. באַלאַבאַן גיט איבער דעם ענין גלאַטיקער, אָן דער ביטערער איראָניע וואָס הערט זיך אַרויס פון די שורות ביי מ. ווישניצער. מ. באַלאַבאַן דערציילט אַז „צו מאָרגנס נאָכן פּאָגראָם האָט דער סיים־דעפּוטאַט בוטרימאָוויטש אַריינגעטראָגן אַן אינטערפּעלאַציע וועגן דער דאָזיקער אָנגעלעגנהייט און האָט געפונען אונטערשטיצונג ביי פיל דעפּוטאַטן פון דער שליאַכטע, וועלכע האָבן אין די עקסצעסן פונעם המון געזען די השפּעה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. עס איז באַלד געוויילט געוואָרן אַ קאָמיסיע אויסצופאָרשן דעם ענין, ווי אויך צו רעגולירן די יידן־פראַגע אין פּוילן, און גלייכצייטיק איז די יידן דערלויבט געוואָרן זיך אומצוקערן קיין וואַרשע. די פאַרטריבענע האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט, כדי דאָס מאָל, שוין ענדגילטיק דאָ צו בלייבן".

און ממש ויס פאַרענדיקט פּראָפ' מאיר באַלאַבאַן זיין כראָניק וועגן די לאַנגע יאָרן ביטערן קאַמף פון די וואַרשעווער יידן פאַר זייער רעכט צו וואוינען, אַרבעטן און האַנדלען אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט, מיט דעם העלדישן אַקט פון די 500 וואַרשעווער יידן, וואָס האָבן געבילדעט דעם רייטערפּאָלק מיט בערעק יאָסעלעוויטש בראש, אינעם קאָשטשיושקאָ־אויפשטאַנד פון 1794 קעגן צאַר און איז כמעט ביזן לעצטן מאַן אויסגעהרגעט געוואָרן בעת סוּוואָראָווס באַלאַגערונג פון פּראַגע, און באַצייכנט אים ווי „אַן אויסדרוק פון דעם פּוילישן פּאַטריאָטיזם ביי די וואַרשעווער יידן".

אונדז דאַכט זיך אַז ווי „אָביעקטיוו" אַ היסטאָריקער זאָל וועלן שרייבן וועגן מער ווי אַ האַלבן טויזנט יאָר קאַמף פון יידן פאַר זייער רעכט אין אַ לאַנד וואָס זיי האָבן געהאָלפן אויפקומען, דאַרף ער נישט פאַרזען אַז אָט דער קרבן־עולה פון די וואַרשעווער יידן פאַר דער פּוילישער זעלבשטענדיקייט איז אַן אויסדרוק פון עפּעס מער ווי אַ שאַבלאָנעם פּאַטריאָטיזם. דער דאָזיקער קרבן איז בשום אופן ניט קיין פּרייז פאַר די רעכט וואָס די קאָנסטיטוציע פון 3טן מיי 1791 האָט צוגעזאָגט די פּוילישע יידן און האָט קיין מאָל דעם צוזאָג נישט געהאַלטן. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון דעם באַוואוסטזיין וואָס פּוילישע יידן האָבן אין זיך געטראָגן אַלס די טיכטיקסטע און ווירקזאַמסטע בויער פון פּוילנס הויפּטשטאָט.

ד"ר ע. רינגעלבלום

# צו דער געשיכטע פון די ייִדן אין וואַרשע סוף מיטל־עלטער

אַ דאַנק דער פּאָליטישער לאַגע אין וועלכער קאָנגרעס־פּוילן האָט זיך געפונען פאַר דער וועלט־מלחמה האָט די היסטאָריאָגראַפיע בכלל פון דעם טייל פּוילן שטאַרק געליטן. בשעת אַנדערע טיילן קענען זיך באַרימען מיט אַ גרויסער צאָל פאַרעפנטלעכטע קוועלן־מאַטעריאַל, וואָס פאַרלייכטערט דעם פאָרשער צו דערגיין די היסטאָרישע פאַקטן, זענען אין מאַזאָוויע פון די הונדערטער גראָד־, שטאָט־ און לאַנד־ביכער אַרויסגעגעבן געוואָרן בלויז עטלעכע.

נאָך ערגער זעט אויס די ייִדישע געשיכטע־פאָרשונג אין מאַזאָוויע. זי שטעלט מיט זיך פאָר ממש אַ קרקע־בתולה. די איינציקע אַרבעט אויף דעם געביט איז ה' נוסבוימס „סקיצן פונעם לעבן פון ייִדן אין וואַרשע", וועלכע פּראָפ' סמאָלענסקי האַלט מיט רעכט פאַר מעמוארן און נישט פאַר אַ היסטאָריש ווערק. קיין גרעסערן באַטייט האָבן אויך נישט סאָביעשטשאַנסקיס לענגערע נאָטיצן וועגן די ייִדן אין וואַרשע (זע קאַפּיטל „וואַרשע" אין אָרגעלבראַנדס ענציקלאָפּעדיע, ב' 26, ז' 14). קרויזהאַר, פרענק, נוסבוים און אַנדערע היסטאָריקער, וואָס גיבן אָן אין זייערע אַרבעטן פּרטים וועגן די ייִדן אין אַלט־וואַרשע, באַנוצן זיך דערביי אָן קיין שום קריטיק מיט דעם אויבן דערמאָנטן אַרטיקל פון סאָביעשטשאַנסקין.

אין מיין אַרבעט האָב איך זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע לכל־הפּחות אין אַ קליינער מאָס אויסצופילן דעם דאָזיקן חלל און אויסצופאָרשן די געשיכטע פון די ייִדן אין מאַזאָוויע. איך הייב אָן פון וואַרשע. אין דעם אַרטיקל, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאַפּיטל פון אַ גרעסערער אַרבעט וועגן די ייִדן אין וואַרשע ביזן יאָר 1527, באַריר איך בלויז די אויסערלעכע געשיכטע פון דער פראַגע.

מיין אַרבעט שטיצט זיך בלויז אויף אַרכיווקוועלן, וועלכע איך האָב גענומען פון דעם הויפּטאַרכיוו אין וואַרשע און פונעם פינאַנץ־אַרכיוו, דהיינו:

1) וואַרשעווער לאַנד־ און גראָד־ביכער. Acta Terrestria et ducalia Vars. נומער 1־16, וואָס נעמען אַרום די יאָרן 1421־1532.

2) די שעפן־ און וואָיט־ביכער פון אַלט־וואַרשע. Advocatialia et Scabinalia C. A. V. נומ' 525־531, פאַר די יאָרן 1427־1544; אויך די מעטריקע פון די מאַזאָווישע פירשטן, נומ' 1־18, 36, 41 און 333־341.

3) די אַקטן פון ניי־וואַרשע: די שעפנביכער פון ניי־וואַרשע, נומ' 1, פאַר די יאָרן 1477־1545; די שעפן־ און וואָיט־ביכער פון ניי־וואַרשע נומ' 133, פאַר די יאָרן 1487־1565.

4) דער אַלט־וואַרשעווער פּריווילעגן־קאָדעקס Codex privilegiorum civitatis Sacrae — Regiae Majestatis Antiquae Varsoviae נומ' 11, פאַר די יאָרן 1376־1775.
אויך דער ניי־וואַרשעווער פּריווילעגן־קאָדעקס Codex privil. C. N. V. נומ' 13, פאַר די יאָרן 1477־1712.

ווײַכענענדיק זיך דערמיט אַז ידיעות וועגן די וואַרשעווער ייִדן קענען זיך אויך טרעפן אין די געריכטביכער פון די ערטער וואָס געפינען זיך אין שכנות פון וואַרשע, האָב איך נאָכגעזוכט אין די דערמאָנטע ביכער און געפונען אויך דאָרט מאַטעריאַל. איך האָב זיך בכן באַנוצט מיט די געריכטביכער פון בלוניע (Decreta iudicii terrestris in Blonie, № 1 - 16) וואָס נעמען אַרום די יאָרן 1428־1532 און פון טשאַרטשין פאַר די יאָרן 1472־1531. (Decreta iudicii terrestris in Tarczyn, № 1 - 8)

פון די ווײַטערדיקע געגנטן האָב איך אַדורכגעקוקט בלויז די זאַקראָטשימער לאַנדביכער וואָס אַנטהאַלטן אַ שפע נאָטיצן וועגן דער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די ווישעגראָדער ייִדן און וואו עס פעלן אָבער אויך נישט קיין מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די וואַרשעווער ייִדן.

פון ייִדישע קוועלן האָב איך, אַחוץ אויסנאַמען — דעם אַרטיקל פון נחום סאָקאָלאָוו „רחוב היהודים בוורשה" אין „האסיף" 1897, און ע. נ. פרענקס „עפּיזאָדן פון דער געשיכטע פון די ייִדן אין וואַרשע", אין „היינט" 1924 (פון דאַנען האָב איך גענומען די ידיעה וועגן דעם ייִדישן גירוש אין יאָר 1454־1455) — גאָרנישט געשעפּט, וואָרעם בכלל איז נישט פאַרבליבן דער קלענסטער זכר פון דער אַמאָליקער ייִדישער קהילה אין וואַרשע. און עס איז נישט קיין וואונדער. די געשיכטע פון די וואַרשעווער ייִדן איז, אָנהייבנדיק פונעם יאָר 1454, אַ געשיכטע פון כסדרדיקן נע־ונד־לעבן, פון כסדרדיקע גירושים. אַפילו דער ייִדישער בית־עולם איז דאָ נישט פאַרבליבן גאַנץ. דער קלויסטער פון הייליקן יאַן האָט באַקומען פונעם פירשט דעם שטח פונעם ייִדישן בית־עולם און אויפגעשטעלט דאָרט אַ בעקערײַ (Domus pro pistando pane).

די מתים האָבן געהאַט דעם זעלביקן מזל וואָס די לעבעדיקע!

אַפילו די פאָלקס־לעגענדע, וואָס היט אויף נישט איין געשעעניש פון דעם עבר, האָט אין אונדזער פאַל פאַרראַטן. די זקנים פון אַלט־שטאָט ווייסן נאָך צו דערציילן וועגן 150 יאָר ייִדישע געשיכטע אין וואַרשע, בעת לויט אונדזערע ידיעות וועבט זי זיך נישט ווייניקער ווי 5 יאָרהונדערטער.

## 1. מאַזאָוויע און די קרוין

אײדער מיר וועלן צוטרעטן צו באַשרײַבן די אויסערלעכע געשיכטע פון די וואַרשעווער ייִדן איז געוואונטשן אין אַלגעמיינע שטריכן אָנצוצייכענען די פאַרהעלטעניש צווישן מאַזאָוויע און דער קרוין אין 15טן יאָרהונדערט.

אין דעם דערמאָנטן יאָרהונדערט קומט פאָר אַ גאָר וויכטיקע ענדערונג אין די באַציאונגען פון די דערמאָנטע מלוכות. מאַזאָוויע, וואָס האָט ביזן 15טן י"ה געבילדעט אַ זעלבשטענדיקע מלוכה מיט באַזונדערע געזעצן, מינהגים אא"וו, און וואָס האָט געפירט איר פּאָליטיק אומאָפּהענגיק פון פּוילן און אָפט מאָל אַפילו קעגן די אינטערעסן פון פּוילן, ווערט אין אָנהייב פון 15טן י"ה אַ טייל פון דער פּוילישער מלוכה. אמת, די קרוין האָט געהאַט אַ השפּעה אויף מאַזאָוויע נאָך אײדער יענע האָט זיך פּאָליטיש פאַראייניקט מיט פּוילן. עס איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך אַז די השפּעה האָט געמוזט וואַקסן וואָס ענגער עס זענען געוואָרן די פּאָליטישע פעדעם וועלכע האָבן פאַרבונדן די צוויי ברידערפעלקער. שווער איז אָבער געווען צו געבן אַן ענטפער ווי ווײַט עס האָבן דערלאַנגט די אײַנפלוסן פון דער קרוין און אין וואָס זיי זענען באַשטאַנען.

דאָס וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דעם אַלגעמיינעם לעבן אין מאַזאָוויע לאָזט זיך אויך זאָגן בנוגע דער ייִדישער סביבה. כמעט אויף אַלע געביטן פון ייִדישן לעבן אין וואַרשע איז אָנזעעדיק די ווירקונג פון דער קרוין. די ווירטשאַפטלעכע באַציאונגען זענען כמעט אין גאַנצן ענלעך צו די באַציאונגען אינעם מערב־טייל פון דער קרוין. עס איז אויך נישט פאַראַן קיין שום חילוק צווישן דער רעכטלעך־פּאָליטישער לאַגע פון די מאַזאָווישע ייִדן און די קרוין־

יידן. דאס זעט מען נישט בלויז אין דער ענלעכקייט פון די אל-געמיינע שטריכן נאר אויך אין פרטים, ווי למשל אין די טעכנישע אויסדרוקן אויף צו באצייכענען די קהילות, די יידישע געריכט-אינסטיטוציעס וכדומה.

scolasticus, scolni, Judex Judeorum, Judicium Judeorum, minister scolasticus etc.

מיר קענען אויך באמערקן א סך ענלעכע פרטים אין דער אויסערלעכער געשיכטע פון דער יידישער קהילה אין ווארשע און פון די יידישע קהילות אין דער קרוין.

די געשעענישן וואס קומען פאר אין יאר 1454 אין קראקע (די אנטי-יידישע באוועגונג פון קאפיסטראנא) געפינען א הילכיקן אפקלאנג אין ווארשע. דער גירוש פון די ווארשעווער יידן אין יאר 1483 איז געווים פארגעקומען אלס רעזולטאט פון דער אקציע וואס דאס פוילישע בירגערטום האט פונעם סוף 15טן י"ה געפירט קעגן די יידן.

## 2. די ערשטע שפורן פון דער יידישער קהילה אין ווארשע

קיין מאזאוויע קומען די יידן א סך שפעטער ווי אין אלע אנדערע פראווינצן פון פוילן. די סיבה דערפון איז געווען די שווע-רע לאגע אין וועלכער מאזאוויע האט זיך ביז צום 13טן י"ה גע-



יידישע קרעמער אין ווארשע 1783

פונען צוליב די שטענדיקע מלחמות וואס פלעגן חרוב מאכן דאס לאנד און זענען געווען א מניעה פאר זיין נארמאלער אנטוויקלונג. אלס רעזולטאט דערפון לאזט זיך באמערקן א גרויסע פארשפעטי-קונג אין דער ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג פון מאזאוויע אין פארגלייך מיט אנדערע פראווינצן, וואס איז קאנטיק צווישן אנדערס אויך אין דעם שפעטערדיקן אויפקום פון די שטעט אין פארגלייך מיט גרויס- און קליין-פוילן.

א פועל-יוצא פון דער ווירטשאפטלעכער אפגעשטאנענקייט פון מאזאוויע איז געווען די שפעטע איינוואנדערונג אהער פון די מערב-יידן אין פארגלייך מיט אנדערע פוילישע פראווינצן. דער יידישער עלעמענט פון מערב, אלס א דורכווים סוחרים-באנקירי-שער, האט עמיגרירט אין די העכער אנטוויקלטע לענדער. דעריבער קענען מיר אויך ביים פארשן די געשיכטע פון דער יידישער קא-לאניזאציע פון פוילן באמערקן אז וואס מער א פראווינץ איז קול-טורעל אנטוויקלט, אלץ פריער טרעפט מען זיך דארט מיט דער יידישער איינוואנדערונג. אין שלעזיע, וואס איז ווייטער ווי אנ-דערע ארויסגערוקט צו מערב-צו און האט צוליב דעם זיך שנעל-לער ווירטשאפטלעך אנטוויקלט, קומט די איינוואנדערונג פאר פריער ווי אין אנדערע געגנטן; שוין אין אנהייב 12טן י"ה הייבט זיך דא אן א יידישע אימיגראציע. דעם צווייטן ארט פארנעמט גרויס-פוילן (13טער י"ה) און ערשט דערנאך גייט קליין-פוילן (אנהייב 14טער י"ה). אין מאזאוויע, מיטן אויסנאם פון פלאצק וואו מיר געפינען שוין אין יאר 1237 א נאטיץ וועגן א יידישן ברונעם (Puteum Judeorum) וואס באווייזט בפירוש אז יידן האבן דארט געוווינט, — הערן מיר וועגן א יידישער אימיגראציע ערשט צום מיטן אדער צום סוף פון 14טן י"ה.

אין וועלכן יאר די יידן האבן זיך באזעצט אין ווארשע און פון וואנען זיי זענען אהער געקומען ווייסן מיר נישט. איינס איז אבער באוואוסט — אז די ערשטע ידיעה וועגן דעם אויפהאלט פון יידן אין ווארשע שטאמט פון יאר 1414. די דאזיקע ידיעה גע-פינען מיר אין א נאטיץ אינעם עלטסטן פארבליבענעם טשערסקער געריכטבוך. זי אנטהאלט די אנקלאגע פון דעם טשערסקער יידן לאזארוס קעגן דעם טשערסקער מיעשטשאן פיאטר. פון דער דער-מאנטער פארצייכעניש איז אבער דורכווים נישט געדרונגען אז די יידן האבן זיך באזעצט אין ווארשע ערשט אין יאר 1414. פאר-קערט: דאס וואס די נאטיץ טראגט א בפירוש צופעליקן כאראקטער דערלויבט אונדז אנצונעמען אז די באזעצונג פון יידן אין ווארשע איז פארגעקומען מיט א פאר יארצענדליקער פריער. דא דארף מען נאך נעמען אין אכט אז די ווארשעווער געריכטביכער זענען פאר-בליבן ערשט פונעם יאר 1421. דערפון איז געדרונגען אז נאר א דאנק דעם וואס אונדזער לאזארוס האט זיך פראצעסירט אין טשערסק (וואו עס זענען פארבליבן די געריכטביכער שוין פון יאר (1413) איז די ערשטע געשיכטלעכע דאטע דאס יאר 1414, ווייל אין קעגנפאל וואלט דאס געווען דאס יאר 1421.

אנהייבנדיק פון יאר 1421 האבן מיר א שפע ידיעות וועגן די ווארשעווער יידן, וועגן זייערע האנדל- און קרעדיט-טראנזאק-ציעס. אט די שפע און די פארשיידנארטיקייט פון פערזאנען און עסקים וואס מיר טרעפן זיך מיט זיי אין די לאנדגעריכט-ביכער זאגן עדות וועגן דעם ברייט פארצווייגטן יידישן לעבן און דער-לויבן אונדז צו מאכן די השערה אז דאס גאנצע לעבן האט אויפ-געבליט פלוצעם, בלויז אין משך פון א פאר יארצענדליקער. אונ-דזער השערה ווערט נאך פארשטארקט דורך דער נאטיץ פון יאר 1425 וואס דערמאנט וועגן א יידישן שמש Szkolnik און וועגן די פארשטייער פון דער יידישער אויטאנאמיע.

מיר קענען אונדזער היפאטעזע באטראכטן כמעט ווי א פאקט, אויב מיר וועלן נעמען אין אכט אז אין די ערשטע יארצענדליקער פון 15טן י"ה האט דא געהערשט יאנוש דער 1טער, מיט וועמען מיר וועלן זיך פארנעמען אין א באזונדערן קאפיטל. דער פירשט

ווערט מיט רעכט באטראכט פאר דעם בעסטן ארגאניזאטאר פון דער ווירטשאפט אין דער עפאכע פון דער אומאפהענגיקער מאזאוויע.

אונטערפירנדיק א סך־הכל קומען מיר צו דער ענדגילטיקער מסקנא אז די ערשטע געשיכטלעכע דאטע וועגן דער עקסיסטענץ פון דער יידישער קהילה אין ווארשע איז דאס יאר 1414, אבער איר ווארשיינלעכער אנהייב באציט זיך צום סוף 14טן יארהונדערט.

## 3. די יידן אין די צייטן פון יאנוש דעם ערשטן

אין דער ערשטער העלפט פון 15טן יארהונדערט, אונטער דער הערשאפט פון יאנוש דעם 1טן, האט זיך ברייט פונאנדערגעבליט די יידישע קהילה אין ווארשע. די גראד־ און לאנד־ביכער זענען פול מיט פארשיידענע נאטיצן וועגן קרעדיט־ענינים און אין א קלענערער מאס וועגן האנדל־ענינים וואס די יידישע באנקירן פירן אדורך אין ווארשע. דורכשניטלעך טרעפן מיר איבער הונדערט אזעלכע נאטיצן (אין יאר 1427 ביז 173). נישט געקוקט דערויף וואס די לאנדביכער זענען פול מיט יידישע טראנזאקציעס, איז די צאל יידן אין ווארשע נישט קיין גרויסע. כדי צו האבן א השגה ווי גרויס עס איז דעמאלט געווען די יידישע באפעלקערונג אין ווארשע איז גענוג צו פארגלייכן די ליסטעס פון די יידישע שטייער־צאלער אין ווארשע און אין ווישעגראד (1), וועגן וואס אונדז וועט נאך אויסקומען צו ריידן. דא ווילן מיר נאר אנווייזן אז אין די דערמאנטע ליסטעס פיגורירן אלס שטייער־צאלער פארטרעטער פון בעל־הבתישקייטן אדער הויזגעזינדן. אין ווארשע איז לויט דער ליסטע געווען 10 אזעלכע בעל־הבתישקייטן. שטיצנדיק זיך אויף די גענויע אויסרעכענונגען וואס ד"ר שיפער האט געמאכט אויפן סמך פון מאטעריאלן, וועלכע זענען נוגע דעם 16טן ביזן 18טן י"ה, ווען מיר אלס יסוד אננעמען פאלגנדיקע אויסרעכענונג (2): 1 בעל־הבתישקייט — 9 פערזאן. אין איינעם אלזא באקומען מיר א ציפער פון 90 יידן אין ווארשע (10 בעל־הבתישקייטן צו 9 פערזאן). צו דער דאזיקער צאל דארף מען נאך צוגעבן 2 בעל־הבתישקייטן, ד"ה 18 פערזאן, ווייל דער רב און דער שמש זענען — לויט א מנהג וואס איז געווען אנגענומען אין דער קרוין און לאזט זיך אויך פעסטשטעלן אין מאזאוויע — געווען באפרייט פון צינדז. בסך־הכל האבן מיר אלזא די צאל פון אן ערך 120 פערזאן, וואס דארף אונדז אילוסטרירן די גרייס פון דער יידישער קהילה אין ווארשע אין אנהייב פון 15טן י"ה. זעלבסטפארשטענדלעך אז דער באטייט פון דער צאל מוז גענומען ווערן רעלאטיוו.

לאמיר איצט איבערגיין פון די אבסטראקטע ציפערן צום רעאלן לעבן. ס'איז געווען דעמאלט (אין די צייטן פון יאנוש דעם 1טן) זייער לעבעדיק אויף דער יידישער גאס, בכל אופן באקומט זיך אזא איינדרוק פון די פארשיידענע געריכט־נאטיצן פון יענער צייט וואס זענען נוגע די טראנזאקציעס פון די ווארשעווער יידן.

יאנוש דער 1טער, זייענדיק דערצויגן אין הויף פון קאזשימיעזש דעם גרויסן, איז געגאנגען אין די דרכים פון דעם דאזיקן „קעניג פון מיעשטשאנעס און פויערים" (3) און געשטרעבט צו פארווירקלעכן אין לעבן אויך זייערע ווירטשאפטלעכע פלענער. קיין שום מאזאווישער פירשט האט נישט אזוי גערעכנט פאר דער עקאנאמישער אנטוויקלונג פון לאנד ווי ער. און דעריבער ווערט ער מיט רעכט באטראכט פאר דעם בעל־הבית פון מאזאוויע, פונקט ווי קאזשימיעזש דער גרויסער איז עס געווען אינעם פיאסטישן פוילן.

באזונדערס האט יאנוש דער ערשטער א סך אויפגעטאן פאר דער אנטוויקלונג פון „אונדזער שטאט" ווארשע. ער האט דער שטאט געגעבן א גאנצע ריי פריווילעגן. דער וויכטיקסטער פון זיי איז דער פריווילעג פון יאר 1413 (4) אין וועלכן ער גיט דער שטאט איבער דאס משפט־רעכט איבער די אייגענע בירגער און אי־

(1) ווארשעווער לאנד־ און גראד־אקטן (וו.ל.ג.א.) נומ׳ 1, ז׳ 64, יאר 1423:

(2) ד"ר שיפער, „די פארשפרייטונג פון יידן אין פוילן און ליטע" (רוסיש) אין דער „געשיכטע פון יידישן פאלק", פארלאג „מיר" מאסקווע, ב׳ 11, ז׳ 107 או"וו. הגם די אויסרעכנונגען פון שיפער באציען זיך צו די שפעטערדיקע צייטן, נעמען מיר זיי דאך אן אלס יסוד, ארויסגייענדיק פון דער הנחה אז עס איז נישט פאראן קיין פרינציפיעלער חילוק צווישן יידישן לעבן אין מיטל־עלטער און אין 18טן י"ה.

3) K. Tymieniecki, Najstarsi gospodarze Warszawy, p. 17.
4) Teodor Wierzbowski, Przywileje St. Warszawy.



בער די צוגעקומענע, הן אין שווערע שטראף־ענינים אזוי אויך אין מינדערווערטיקע ענינים (ווי, למשל, וועגן שטערן די עפנטלעכע רו).

יאנוש דער 1טער, גייענדיק אין די דרכים פון קאזשימיעזש דעם גרויסן, האט זיך באמיט אריינצוברענגען אין לאנד וואס מער קאלאניסטן פון מערב. צווישן זיי זענען געווען א סך יידן וואס האבן אין א לאנד, וואו עס האט נאך אויסשליסלעך געהערשט די נאטוראלע ווירטשאפט, געקאנט שפילן א דאמינירנדיקע ראל צוליב זייער רירעוודיקייט און זייערע גרויסע קאפיטאלן און א דאנק דער באהאוונטקייט אין דער געלטטעכניק. עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער וואס דער פירשט האט געהאט א גוטע באציאונג צו יידן און וואס ער האט געשטיצט די יידישע איינוואנדערונג אין מאזאוויע. דאס איז צו זען פון דעם פאקט אז אין זיינע צייטן האט זיך באזונדערס שטארק אנטוויקלט די יידישע קהילה אין ווארשע.

אונדזער השערה באשטעטיקט א ריי פאקטן וועלכע מיר גיבן אונטן אן און וואס ווארפן א העל ליכט אויף דער באציאונג פון יאנוש דעם 1טן צו די יידן.

מיר לייענען, למשל, אז אין יאר 1422 שענקט יאנוש דער 1טער דעם ווישעגראדער יידן מאי זיינעם א וויינגארטן, וואס ער האט אין ווישעגראד לעבן דעם קלויסטער פון אלע הייליקע. פאר דעם דארף דער ייד מאי צאלן יערלעך 4 שאק גראשן צינדזן (5). מיט אן אנדער ווארשעווער יידן, איינעם דוד, שליסט דער קעניג אן אפמאך פון וועלכן מיר דרינגען אז דוד האט געפאכט ביים פירשט עפעס א פעלד אדער א בויפלאץ (6). ארעסטן און ערבות־לייט פון יידן פאר חובות, וואס פלעגן אזוי אפט פארקומען אונטער דער הערשאפט פון די שפעטערדיקע פירשטן נאך יאנוש דעם 1טן, זענען אין זיינע צייטן געווען א זעלטנהייט; אזא פאל איז געווען בלויז איינער (7).

## 4. דער יידן־גירוש אין יאר 1454

דאס ברייט־אנטוויקלטע לעבן פון דער יידישער קהילה אין ווארשע איז פלוצעם איבערגעריסן געווארן אין יאר 1454. דער טעזיס וואס איז פארמולירט געווארן דורך די יידישע געשיכטע־שרייבער אז די צאל פאגראמען אדער גירושים איז פראפארציאנעל צו דער עקאנאמישער אנטוויקלונג פונעם געגעבענעם לאנד ווערט דורכויס באשטעטיקט אין מאזאוויע. זינט דאס ווארשעווער פוילישע בירגערטום איז, א דאנק דער אנטוויקלונג פון שטאט, געווארן שטארקער, שטרעבט עס מיט אלע מיטלען אפצושטויסן די אומאנגענעמע קאנקורענטן, ד"ה די פרעמדע, און דערונטער קודם־כל די יידן וואס וואוינען אין ווארשע. דאס בירגערטום שטעלט זיך נישט אפ פאר קיין שום מיטלען. דארט וואו זיי קאנען נישט דערלאנגען זייער ציל מיט לעגאלע מיטלען טוען זיי דאס מיט אומלעגאלע: ארגאניזירן אנפאלן און פאגראמען, וואס ווערן אפט מאל אנגעפירט פון די שטאט־פארזארגערס גופא. שטרעבנדיק אויף א לעגאלן וועג פטור צו ווערן — דורך פריווילעגיעס — פון פרעמדע סוחרים און בתוכם אויך פון יידן, באנוצן זיך די מיעשטשאנעס מיט דעם „קלינגענדיקן" ארגומענט וואס האט דאס רוב א פעולה, אויף וויפל, נאטירלעך, דער צד שכנגד אפערירט נישט מיט נאך גרעסערע געלטסומעס. דאס בירגערטום באיקאטירט די יידן — מען פארקויפט זיי נישט קיין פלעצער אויף הייזער. פון 12 האנדלס־אפעראציעס מיט הייזער, וואס האט זיך אונדז איינגעגעבן צו פארנאטירן אין משך פון 1531-1414, האבן מיר זיך באגעגנט בלויז מיט איין פאל ווען א מיעשטשאן פארקויפט א הויז א יידן.

דער פאקט וואס עטלעכע ווארשעווער יידן זענען אנגענומען געווארן אלס בירגער פון ניי־ווארשע — פון וואס מען וואלט געקאנט דרינגען אז די באציאונגען צווישן די יידן און די מיעשטשאנעס זענען נישט תמיד געווען אנגעשטרענגטע — איז א יוצא מן הכלל. דערביי האט געוויס א באדייטנדיקע ראלע געשפילט דאס געלט וואס די יידן האבן געצאלט פאר דער שוץ פון דער שטאט ניי־ווארשע. מען קען דאס נאך אויסטייטשן מיט אן אנדערן מאטיוו, דהיינו, אז ניי־ווארשע האט זיך נישט שטענדיק נוהג געווען לויטן מוסטער פון איר מעטראפאליע אלט־ווארשע.

(5) מאזאווישע מעטריקע, ט. 3, 90, יאר 1422.

(6) וו. ל. ג. א. נומ"1, ז׳ 114, יאר 1425.

(7) דארטן, ז׳ 194, יאר 1924.

דער קאַמף וואָס עס האָט געפירט דאָס וואַרשעווער בירגערטום איז געשטאַנען אין אַן ענגן צוזאַמענהאַנג מיט דער אַקטיווער אַנטי־יידישער באַוועגונג וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט קודם אין די באַזונדערע און דערנאָך אין די פאַרבינדעטע פוילישע שטעט.

מיר וועלן זיך תחילת אָפּשטעלן אויפן ערשטן פּעריאָד פון דעם קאַמף, וואָס לאָזט זיך אויפן סמך פון קוועלן פעסטשטעלן און וואָס ענדיקט זיך אין יאָר 1454 אָדער 1455. די דאָזיקע יאָרן צייכענען זיך אויס אין דער געשיכטע פון די וואַרשעווער יידן מיט דעם יידן־גירוש. נישט געקוקט דערויף וואָס דער גירוש איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די בערנאַרדינער גלחים, באַטראַכטן מיר אים דאָך פאַר אַ רעזולטאַט פון דעם קאָנקורענץ־קאַמף צווישן דעם פוילישן בירגערטום און די יידן, ווייל דער דאָזיקער קאַמף איז געווען ווי אַ פולווערפאַס אין וועלכער עס איז גענוג געווען אַריינצווואַרפן איין פונק אַז עס זאָל אויסברעכן אַ שרפה. עס וואָלט געווען נאַאיוו אויסצוטייטשן דעם גירוש אויסשליסלעך מיט דער רעליגיעזער שנאה. די רעליגיע איז מייסטנס געווען נאָר אַ דעקמאַנטל מיט וועלכן מען האָט פאַרשטעלט די אמתע מאָטיוון, וואָס האָבן אין דער גרעסטער צאָל פאַלן געטראָגן אַ ריין מאַטעריעלן כאַראַקטער.

די געשעענישן וואָס זענען פאָרגעקומען אין וואַרשע אין די יאָרן 1454־1455 האָבן זיך אַנטוויקלט אויפן פאָן פון דער אַקציע וואָס עס האָט אונטערגענומען דער פויפּס ניקאָליי דער 1טער כדי צו באַקעמפן די אַפּיקורסים — די אַנטיפּויפּסלעכע הערעזיע (הוסיטן), די יודאַיזירנדיקע סעקטעס און די „אומגלויביקע" יידן. בכדי אַדורכצופירן זיינע פּלענער האָט דער פויפּס אַרויסגעשיקט אין די אַפּיקורסישע לענדער אַלס זיינע באַפולמעכטיקטע די אינקוויזיטאָרן וואָס האָבן דאָרט געזאָלט אַרבעטן מיט דער הילף פון די אָרטיקע כוחות.

דער באַרימטער אינקוויזיטאָר פון יענער צייט איז געווען דער פראַנציסקאַנער מאָנאַך יאַן קאַפּיסטראַנאָ (8), וועמען די קאַטוילישע קירך האָט — צוליב די גרויסע פאַרדינסטן וואָס ער האָט פאַר איר געהאַט — אַריינגענומען צווישן די הייליקע. תחילת האָט ער זיין קאַמף געפירט דער עיקר מיט די קריסטלעכע אַפּיקורסים, אָבער ווען דער קאַמף האָט — בפרט אין טשעכיע — נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן, האָט ער זיך מיטן גאַנצן ברען אַ וואָרף געטאָן אין קאַמף מיט די יידן. מיט זיינע פלאַם־פייערדיקע דרשות פלעגט ער מיטרייסן נישט בלויז די ברייטע פאָלקסמאַסן, וואָס פלעגן קומען אים הערן, נאָר אויך די העכערע ספערעס: קעניגן, פירשטן, דעם אַדל וכדומה, אויף וועלכע ער האָט אויך געהאַט אַ געוואַלדיקע השפעה. די צייטן פון זיין אינקוויזיטאָרישער טעטיקייט זענען פאַרשריבן מיט שוואַרצע אותיות אין דער געשיכטע פונעם יידנטום. אומעטום וואו ער האָט נאָר זיין פוס געשטעלט האָבן זיך טייכן יידיש בלוט געגאָסן, פלעגן אויסברעכן יידן־גירושים, רדיפות, באַגרענעצונגען און גזירות. די יידישע קהילות פון דייטשלאַנד, עסטרייך, שלעזיע, מערן און פוילן פלעגט באַפאַלן אַ שרעק ווען עס פלעגט אָנקומען די ידיעה אַז עס דערנענטערט זיך קאַפּיסטראַנאָ, וועמען זיינע אייגענע פאַרערערס האָבן גערופן „דער צורר היהודים". מיר וועלן זיך נים דאָ אָפּשטעלן לענגער אויף קאַפּיסטראַנאָס טעטיקייט מחוץ די גרענעצן פון פוילן. עס איז גענוג זיך צו דערמאָנען וועגן זיין מיסיע אין איטאַליע, און בפרט אין נעאַפּאָל, וואו ער איז געווען פּאָרזיצער פונעם אינקוויזיציע־געריכט קעגן די יידן; וועגן זיין ראָלע אין די יידן־גירושים פון איינצלנע קהילות אין בייערן (למשל פון רעגנסבורג — 1454); אינעם אָפּנעמען ביי יידן די פּריווילעגיעס אין וואָרמס און אין זייער גירוש פון דאָרטן (1453) זיין ראָלע ביים אינסצענירן דעם פּראָצעס וועגן פאַרגוואַלדיקן די האָסטיע אין ברעסלע (1453) און אינעם פאַרברענען 41 יידן נאָך אַן אויספאָרשונג וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך קאַפּיסטראַנאָ פּערזענלעך; אינעם גירוש פון גאַנץ שלעזיע און פון מערן, וכדומה.

אין זיין קרייצצוג קעגן יידן האָט קאַפּיסטראַנאָ אויך נישט אויסגעמיטן די נייע קריסטלעכע עפּאַרכיע פוילן וואוהין ער איז פאַרבעטן געוואָרן דורך דעם פאַנאַטישן קראָקעווער אַרצעבישאָף אָלעשניצקי. אין איינעם מיט אָלעשניצקין צווינגט קאַפּיסטראַנאָ אין 1454 דעם קעניג מיט גוטן און מיט בייזן צוריקצונעמען די

(8) וועגן דער מיסיע פון קאַפּיסטראַנאָ, זע: גרעץ „געשיכטע פון יידן", 3טע אויפלאַגע (דייטש), לייפּציג, 1890, 8טער באַנד, זז' 191־203.



יידישע פּריווילעגיעס וואָס דער קעניג האָט אָקערשט געהאַט געגעבן די קרוין־יידן. אויף די יידישע קהילות אין פוילן איז נעפאַלן אַ פּחד, דער עיקר אויף קראָקע וואו קאַפּיסטראַנאָ האָט זיך אַ לענגערע צייט אויפגעהאַלטן און צוגעגרייט אַ באָדן פאַרן „שניט" מיט זיינע התלהבותדיקע דרשות. די דערשראָקענע פוילישע יידן שיקן שליחים צו זייערע ברידער אין דייטשלאַנד און בעטן ביי זיי הילף. דער רב זעליגמאַן אָפּענהיים פאָדערט אויף די אסיפת הרבנים, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין בינגען (ריינלאַנד), אַז זיי זאָלן אויפהערן זיך קריגן וועגן קליינלעכע ענינים, בזה הלשון: „מיר האָבן זיך נאָך קיין מאָל נישט גענייטיקט אַזוי אין אחדות ווי איצט... וואָרעם דער גלח (קאַפּיסטראַנאָ) האָט זיך שוין גענומען אפילו צו די יידן וואָס געפינען זיך אונטער דער ממשלה פונעם פוילישן מלך אין קראָקע און אירע געגנטן, וועלכע זענען פריער באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ מקום־מקלט פאַר די אַנטלאָפענע יידן. די וועלט האָט נישט געגלייבט אַז אויך קיין פוילן וועט דערלאַנגען דער הונגער און נויט. איצט פאַלן זיי (די פוילישע יידן) אונטערן לאַסט פונעם קעניג און שררות און ווענדן זיך צו אונדז מיר זאָלן זיי קומען צו הילף און זיי אויסלייזן" (9).

אַז עס האָבן באמת געהערשט אַזעלכע שטימונגען צווישן די פוילישע יידן באַווייזן די ידיעות וואָס עס ברענגט דער היסטאָריאָגראַף פון די פּאָרטוגעזישע אַנטדעקונגען באַראָס (10). ווי ער דערציילט, האָט דער באַוואוסטער פּאָרטוגעזישער אַנטדעקער וואַסקאָ דע גאַמאַ געטראָפן אויפן אינדזל גאָאַ (אין אינדיע) אַ פוילישן יידן וועלכער האָט אים דערציילט וועגן די רדיפות אויף די פוילישע יידן מצד קאַפּיסטראַנאָ. דער פוילישער קעניג זאָל האָבן געשטעלט אַלע יידן אַ תנאי אָדער זיך אויסשמדן, אָדער פאַרלאָזן זיין לאַנד. די דאָזיקע געשיכטע איז געוויס אַ גוזמא, זי איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטימונגען וואָס האָבן אין קאַפּיסטראַנאָס צייטן געהערשט צווישן די פוילישע יידן.

דאָס אין וואָס עס האָבן נישט געגלייבט די דייטשישע רבנים, וועלכע האָבן געזען אין פוילן אַ מקום־מקלט פאַר די גערודפטע יידן, איז דאָך פאָרגעקומען. אין יאָר 1455 ברעכט אויס אַ פּאָגראָם אין קראָקע.

קאַפּיסטראַנאָ האָט זיך נישט באַנוגנט מיט זיינע מעשים אין קראָקע: מיטן אָפּרופן די יידישע פּריווילעגיעס און מיטן פּאָגראָם אין יאָר 1455. ער האָט זיך באַמיט אַריבערצוטראָגן זיין טעטיקייט אויך קיין מאַזאָוויע, ווייל דאָרטן האָט זיך די אַנטיפּויפּסלעכע אַפּיקורסות אַלץ מער אַנטוויקלט, אַריבערקומענדיק אַהער פון דעם שכנותדיקן פּרייסן. בכדי אַדורכצופירן זיינע פּלענער האָט ער געפונען אַ גוטע געלעגנהייט, ווייל אינעם קראָקעווער קעניגלעכן הויף האָט זיך דעמאָלט געפונען די מאַזאָווישע פירשטין אַננאַ, וואָס איז אַהין פאַרבעטן געוואָרן דורך קאַזימיעזש דעם יאַגעלאָנער צו זיין חתונה מיט עליזשביעטאַ ראַקושאַנקאַ. דאָס איז גראָד אויסגעפאַלן אין דער צייט ווען קאַפּיסטראַנאָ האָט מיט זיינע פייערדיקע פאַנאַטישע דרשות געהעצט דעם קראָקעווער המון קעגן די אומגלייביקע יידן. „די פירשטין האָט זיך שטאַרק געוואונדערט — שרייבט דער גלח קאַנסאַק (11) — זעענדיק וואָס פאַר אַן אָרדענונג עס הערשט צווישן זיי (צווישן די בערנאַרדינער, וועלכע קאַפּיסטראַנאָ האָט איינגעלאַדן קיין פוילן, ווען זיי זענען אַנטקעגנגעקומען דער פירשטין עליזשביעטאַ ראַקושאַנקאַ) און ווי זיי זענען געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. דער המון, וואָס איז זיי נאָכגעגאַנגען, האָט געוויינט, זעענדיק ווי זיי זאָגן זיך אָפּ פון עולם הזה. די ריטער און די הויפלייט האָבן צו גאָט מתפלל געווען".

(9) גרעץ 8טער באַנד (דייטש), 5טע הערה (ז'431), גענומען פון די שו"ת פון מ. מינץ: „ומעולם לא היה כל כך צריך להיותנו כאגודה אחת ושלום ושלוה כמו עתה... אשר פגע הכומר גם ביושבו תחת המלך מפולין מלכות קרקוב וסביבותיהו, אשר מקדם ומאז חשבו לפליטה לבני גולה. ולא האמיני כל יושבי תבל כי יבא צר ואויב בשערי פולין. עתה הם רובצים תחת משא המלך ושרים, וכתבו לנו לבקש עוזר ותרופה. ועתה אתם אהובי אל ירע לבבכם כי הרביתי לדבר קשות כי רוחי הציקותני, יען וביען כי קרובים אנחנו למלכות ואנחנו נדע את אשר ידובר ואת אשר נעשה. וכן יש לחשוב עתה ליום ועד הגדול והנורא ומטוב להתעסק באלו הענינים מלהתגרות בעליונים ובתחתונים".

10) Barros, Asia, Decada I. Libro IV, C. 2, p. 360,

זע אויך גרעץ, ב' 8 ז' 432

11) "Św. Jan Kapistrano i zaprowadzenie Bernardynów", Ks. Kantak ("Roczniki Tow, Nauk. Pozn." Tom VI, p. 176)

דער אויפהאַלט אין קראָקע האָט אויף דער פירשטין אננא געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. אונטער קאַפּיסטראַנאָס ווירקונג האָט זי איינגעלאַדן קיין וואַרשע 6 בערנאַרדינער, אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּיסטראַנאָס תלמיד יאַקוב גאָלאָגאָווטשיק (12).

די גאָטפאָרכטיקע גלחים נעמען זיך אין וואַרשע צו דער אַרבעט, לויט די אָנווייזונגען פון זייער רבי. אין דעם ניי־אויפגעבויטן קלויסטער האַלטן די בערנאַרדינער דרשות צו וועלכע עס קומט אַ גרויסער המון פון די פּאָרשטעט און פון די אַרומיקע געגנטן אין וואַרשע. די בערנאַרדינער העצן דעם עולם קעגן די אפּיקורסים און „אומגלייביקע".

דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער אַגיטאַציע איז געווען דער גירוש.

אַזוי איז אויך וואַרשע אַריינגענומען געוואָרן אין דער צאָל פון די „פילע ערטער" Multis in locis וואו קאַפּיסטראַנאָ „האָט באַקעמפט דעם וואָכער פון יידן און זייער שנאה צו די קריסטן און האָט אַרויסגעטריבן די אומברחמנותדיקע שונאים פון קריסטוסעס נאָמען" (13).

## 5. דער גירוש פון די וואַרשעווער יידן אין 1483 און זייער צוריקקער

אין יאָר 1483 קומט פאָר אַ וויכטיקע ענדערונג אינעם לעבן פון די וואַרשעווער יידן. הגם מיר האָבן נישט קיין שום בפירושע ידיעות וואָס זאָלן דירעקט דערציילן וועגן דער דאָזיקער פּאַסירונג, קענען מיר אָבער וועגן דעם משפטן לויט די פאָלגנדיקע פאַקטן וואָס אונדז האָט זיך איינגעגעבן אויפצוזאַמלען אין די וואַרשעווער אַרכיוון.

1) אָנהייבנדיק פון יאָר 1482 פאַרקלענערט זיך די צאָל געריכט־נאָטיצן וועגן די וואַרשעווער יידן. אין יאָר 1482 האָבן מיר אין די וואַרשעווער געריכטביכער אויפגעציילט קוים 3 נאָטיצן וועגן יידן; פון די יאָרן 1483 און 1484 געפינען מיר בכלל קיין שום נאָטיצן נישט. פון יאָר 1485 איז פאַרבליבן בלויז איין נאָטיץ. זי איז נוגע אַ יידענע וועגן וועלכער מיר ווייסן אָבער נישט זיכער צי זי האָט דעמאָלט געוואוינט אין וואַרשע אָדער נישט.

2) אין די יאָרן 1478—1486 לאָזט זיך באַמערקן אַן אויסוואַנדערונג פון די וואַרשעווער יידן אין די נענטערע און ווייטערע געגנטן פון וואַרשע, דהיינו קיין ניי־וואַרשע, בלוינע, פּולטוסק און טשערסק. דער פריסטער שפּור פון דער דאָזיקער עמיגראַציע פירט אונדז, לויט די אַקטן, קיין בלוינע (14). עס באַווייזט זיך דאָ אין יאָר 1478 אַ יידישער קירזשנער מיטן נאָמען דוד. מיר טרעפן דאָ אויך יידישע וואָכערניקעס וואָס זענען גלייכצייטיק סוחרים. אָט, למשל, באַווייזט זיך אין בלוינע אין 1480 אַ יידישע איינוואוינערין לאה (15) וועמענס נאָמען מיר באַגעגענען אַ סך מאָל אין די וואַרשעווער לאַנדאַקטן. עס לאָזט זיך באַמערקן בכלל אַ וואוקס פון דער וואַרשעווער יידן־קאָלאָניע אין בלוינע. זיי פירן פאַרשיידענע געשעפטן

(12) הגם מיר האָבן אין די קוועלן־מאַטעריאַלן נישט געפונען קיין נאָטיצן וועגן די געשעענישן פון יאָר 1454, שטעלן מיר דאָך פעסט אַז אַזאַ גירוש איז פאָרגעקומען. אונדזערע באַווייזן שטיצן זיך אויף דעם וואָס אומעטום האָט זיך קאַפּיסטראַנאָס אַגיטאַציע געענדיקט מיט יידן־פּאָגראָמען אָדער גירושים. עס איז אויך באַוויוסט אַז די פירשטין האָט גראָד אין יאָר 1454 איינגעלאַדן די בערנאַרדינער קיין וואַרשע און אַז קאַפּיסטראַנאָס דרשות האָבן אויף איר געהאַט אַ גרויסע ווירקונג.

אין יאָר 1454 האָבן מיר בלויז צוויי נאָטיצן וועגן יידן אין די וואַרשעווער געריכטביכער; אין יאָר 1455, דערקעגן, טרעפן מיר נישט קיין איין נאָטיץ אפילו, הן אין די לאַנדביכער, הן אין שטאָטביכער, הגם אין די פריערדיקע אַזוי אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן געפינען מיר אין די זעלבע ביכער אַ שפע פון פאַרשידענע נאָטיצן. דאָס ווייזט בלי ספק אָן אויף אַ געוויסער געשעעניש וואָס האָט אָפּגעשטעלט דעם נאָרמאַלן לויף פונעם ווירטשאַפטלעכן לעבן אין וואַרשע.

(13) "Judaeorum usuras et in Christianos dolosas invidias multis in lecis coërcuit et tanquam irreconciliabiles Christo nominis hostes eosdem ex plerisque urbibus fecit expelli''. Walding: Annales Minorum, T. XII, p. 412. Acta Sanctorum, p. 499.

(14) לאַנד־אַקטן פון בלוינער פּאָוויאַט, נ' 3, ז' 8, יאָר 1478.

(15) דאָרטן, נומ" 3, ז" 129, יאָר 1480.



נישט נאָר מיט דער אַרומיקער שליאַכטע, נאָר אפילו מיט דעם בלוינער בירגערטום (16).

חוץ בלוינע לאָזט זיך אויך פעסטשטעלן די עמיגראַציע קיין ניי־וואַרשע (17), וואָס האָט געבילדעט אַ באַזונדער שטעטל (יורידיקע), מיט באַזונדערע, פון אַלט־וואַרשע אומאָפּהענגיקע, געזעצאַמטן, פּריווילעגיעס וכדומה. דער ערשטער ייד, וועלכן מיר טרעפן דאָ, איז יאָנאַס (יאָר 1482). נאָך אים קומען אויך אַנדערע יידן (18). די דאָזיקע יידן באַגרענעצן זיך נישט אין זייערע געשעפטן מיט ניי־וואַרשע אַליין, נאָר זיי פירן אויך ווייטער פון דאַנען זייערע געשעפטן אין אַלט־וואַרשע.

אין די יאָרן 1483—1486, ווי מ'קען פעסטשטעלן, האָבן זיך די וואַרשעווער יידן אָנגעהויבן באַזעצן אויך אין פּולטוסק (19) (דער ייד רובין), און אין טשערסק (20) (בעניאַש).

3) אין יאָר 1486 פירט זיך פאַר דעם לאַנדגעריכט און ביים בייזיין פונעם פירשטלעכן דעלעגאַט אַ פּראָצעס צווישן די געוועזענע וואַרשעווער יידן בעניאַש און רובין פון איין זייט, און צווישן דעם וואַרשעווער מיעשטשאַן טעאָפיל פון דער צווייטער (21). פון דעם פּראָצעס דערוויסן מיר זיך אַז די יידן האָבן אין משך פון 3 יאָר געוואוינט מחוץ וואַרשע און אַז פאַר דער צייט האָבן די מיעשטשאַנעס פאַרנומען זייערע הייזער.

4) דעם 11טן מאַרץ 1483 (Feria Tertia Post Dominicam Laetare) גיט דער פירשט באָלעסלאַוו די וואַרשעווער מיעשטשאַנעס פאַרן פּרייז פון 120 פלאָרין אַ פּריווילעגיע וואָס ברענגט זיי אַ גאַנצע ריי שטייער־הנחות. צווישן אַנדערע באַשטעטיקט ער דעם אַלטן פּריווילעג וואָס פאַרווערט „פרעמדע סוחרים" (Mercatores Extranei) אונטער וועלכע מען דאַרף אויך פאַרשטיין יידן, וועלכע זענען פרעמדע און געניסן אויך נישט פון די שטאָטישע רעכט — צו באַשעפטיקן זיך מיט לאחדים־האַנדל (מיט האַנדל אויף „איילן" — (Ulnatime) אויסער אויף הויפּט־יאָרמערק, ווען דאָס איז זיי יאָ דערלויבט. אין וואָכנטאָג מעגן „פרעמדע סוחרים" פאַרקויפן זייערע סחורות נאָר אין הורט („אין שטיקער" — Instucis, שטיינער און באַלנס (23).

5) אין יאָר 1527 גיט זיגמונט דער 1טער די וואַרשעווער מיעשטשאַנעס אַ פּריווילעג וואָס פאַרווערט די יידן צו וואוינען אין וואַרשע. דער קעניג פאַררופט זיך דערביי אויף די עדיקטן וואָס זאָלן שטאַמען נאָך פון די צייטן פון די מאַזאָווישע פירשטן, בעת די יידן האָבן נישט געטאָרט וואוינען נישט אין אַלט־וואַרשע און נישט אין ניי־וואַרשע.

אויף די דערמאָנטע עדיקטן פון די מאַזאָווישע פירשטן פאַררופן זיך נאָך אין 18טן יאָרהונדערט די וואַרשעווער מיעשטשאַנעס

(6)) וו. ל. ג. א., נומ" 5, ז" 480, יאָר 1482: „דער בלוינער ייד אַברהם פירט אַ פּראָצעס מיטן בלוינער מיעשטשאַן וואָזשיניעץ".

(17) אין יאָר 1482 נעמט אָן דער ייד יאָנאַס דאָס שטאָטישע רעכט אין ניי־וואַרשע. נומ" 1, ז" 774, יאָר 1482.

(18) יעקב (Jacob) אין יאָר 1485, נומ" 1, ז" 753, יאָר 1485.

(19) וו. ל. ג. א., נומ" 5, ז" 1071, יאָר 1486.

(20) דאָרטן.

(21) דאָרטן.

(22) Teodor Wierzbowski, I. c., p. 24, № 31.

(23) ''Anno... dux Boleslaus... recepit centum et viginti florenos ungaricales puri auri et iusti ponderis eisdem ciuibus antiquae ciuitatis Warschouiensis... et eorum successoribus pro tempore existentibus iura infrascripta et prerogativas impehpetuum (sic) debit... quod quotienscunque mercatores seu negotiatores extranei cum quibuscunque bonis suis, rebus et mercibus de quocunque genere et specie fuerint venerint et eas propinare, vendere aut commutare voluerint in dicta civitate antiqua Warschouiensi, etiam in locis curie ducalis diebus quotidianis preter forum annuale tales nonnisi integre in stucis, staminibus, lapidibus res suas quascunque et merces vendendi habeant facultatem. In minore vero pondere et ropinatione ulnatime res ipsas, nisi dum nundinae generales tenerentur vendere potestatem habebunt nullam...''

וועלכע פירן זייער אָן אָנגעשטרענגטן קאַמף קעגן די יידן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט אַריינגעכאַפּט קיין ווארשע און אירע פאָרשטעט, הגם דאָס איז זיי בפירוש געווען פאַרווערט. אין איינעם פון די מעמאָריאַלן, וועלכע דאָס ווארשעווער בירגערטום לייגט פאָר דער מאַכט, ווערט געזאָגט: „דאָס מאַזאָווישע פירשטנטום... האָט בנוגע יידן געהאַט באַזונדערע געזעצן. אַ באַווייז זענען די עדיקטן פון די מאַזאָווישע פירשטן, וואָס פאַרווערן די יידן אין גאַנצן פירשטנטום צו פאַרנעמען זיך מיט האַנדל, מלאכה און צו וואוינען דאָ".

פון די פאַקטן וואָס מיר האָבן געבראַכט ווערט גאַנץ קלאָר אַז אין יאָר 1483 איז פאָרגעקומען דער יידן־גירוש פון ווארשע. די פאַקטן וואָס מיר האָבן אָנגעגעבן אין פונקט 3 און 4 דערקלערן אויך די סיבות וואָס האָבן גורם געווען דעם גירוש. עס ווערט קלאָר אַז דאָס ווארשעווער בירגערטום האָט פאַר דעם פרייז פון 120 פלאָרין באַוואויגן דעם פירשט ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון די נוצן וועלכע עס האָט אים געקאָנט ברענגען די קליינע קאָלאָניע פון די ווארשעווער יידן, און זאָל זיי אַרויסטרייבן פון דער שטאָט. דער גירוש האָט אים, פאַרקערט, געבראַכט גרויס נוצן, ווייל ער האָט געקאָנט טאָן וואָס ער וויל מיט די הייזער פון די אַרויסגעטריבענע יידן.

עס איז אינטערעסאַנט אָנצואווייזן אַז אויך אין דער קרוין איז אין דער זעלבער צייט, ד"ה סוף 15טן יאָרהונדערט, צווישן דעם דאָרטיקן פוילישע בירגערטום פאָרגענומען געוואָרן אַן ענלעכע אַטאַקע קעגן די יידישע קאָנקורענטן, און אויך מיט דעם זעלביקן דערפאָלג. אַזוי, למשל, שטעלט קראָקע אַרויס אין יאָר 1485 פאָדערונגען אַז די יידן זאָל דערלויבט ווערן צו האַנדלען אויסשליסלעך מיט פאַרפאַלענע משכנות און דאָס אויך נאָר אין דער צייט פון ירידים, אָדער יאָרמערק (24). די פאָדערונגען פון די לעמבערגער מיעשטשאַנעס (י' 1491) זענען מער ענלעך צו די ווארשעווער: זיי פאָדערן, מען זאָל פאַרווערן די יידן דעם לאחדים־האַנדל מיט שטאָף (25).

מיר זעען בכן אַז סוף 15טן י"ה האָבן מיר צו טאָן מיט אַ סיסטעמאַטישער פאַרשטאַרקטער אַנטי־יידישער באַוועגונג מצד די פוילישע מיעשטשאַנעס פון די וויכטיקסטע שטעט סיי אין דער קרוין, אַזוי אויך אין מאַזאָוויע. און ווער ווייסט — אפשר איז די דאָזיקע אַקציע געווען אַ רעזולטאַט פון אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די פאָרשטייערס פון די דערמאָנטע שטעט. אַזאַ פאַרשטענדיקונג ליגט זיך אויפן שכל, מחמת אין יענער צייט בילדעט זיך בכלל אַ קאָאַליציע פון די הויפּטשטעט אין דער קרוין, — אַ פאַקט וואָס לאָזט זיך מיט דער פולסטער זיכערקייט פעסטשטעלן אין אָנהייב 16טן י"ה.

צי זענען די יידן אָפּגעטראָטן פון ווארשע בלויז אונטער דער ווירקונג פון פריווילעג פון די ווארשעווער מיעשטשאַנעס, וואָס האָט זיי מאַטעריעל רואינירט, אָדער דאָס איז געשען אונטער דעם גלייכצייטיקן דרוק פון די אָרגאַניזירטע אַנטי־יידישע עקסצעסן — אויף דעם קענען מיר נישט געבן קיין ענטפער. ס'איז גענוג די אָנווייזונג אַז אין די יאָרן 1483—1485 הערט מען גאָרנישט וועגן יידן אין ווארשע, און נאָר אין די אַרומיקע יישובים און שטעטלעך טרעפן מיר אָן זייערע שפּורן.

מיר וואָלטן נישט אויסגעשעפּט די אַלע סיבות וואָס האָבן גורם געווען די קאַטאַסטראָפע אינעם לעבן פון די ווארשעווער יידן, ווען מיר זאָלן נישט נעמען אין אכט אויך די פינאַנציעלע לאַגע אין וועלכער עס האָט זיך געפונען דער יידן־באַשיצער, דער דעמאָלטיקער ווארשעווער פירשט באָלעסלאַוו דער 4טער. באָלעסלאַוו האָט תמיד געהאַט אַ פולן קאָפּ מיט דאגות, ווייל ער איז געווען פאַרשולדיקט ביים ווארשעווער בירגערטום. ס'איז נישט קיין וואונדער דעריבער פאַר וואָס ער איז געווען אַזוי ווייך לגבי זיינע קרעדיטאָרן — ער האָט זיך גענייטיקט אין זייער ווייטערדיקן קרעדיט. פאַר דעם פרייז פון 120 פלאָרין האָט ער מסכים געווען אַרויסצוגעבן די מיעשטשאַנעס אַ פריווילעג וואָס איז געווען געווענדט קעגן פרעמדע סוחרים, ד"ה קודם־כל קעגן יידן. אין דעם זעלביקן יאָר האָט ער אויך געגעבן זיין הסכם אויף דעם גירוש פון די ווארשעווער יידן.

(24) ד"ר י. שיפּער, „ווירטשאַפטסגעשיכטע פון די יידן אין פוילן בעתן מיטל־אַלטער", ז' 193—195.

(25) דאָרטן.

3 יאָר נאָכן גירוש, ד"ה אין יאָר 1486, קערן זיך די ווארשעווער יידן צוריק אַהיים לויט אַ בפירושער דערלויבעניש פון פירשט. ווי שוין אָנגעוויזן, דערציילן אונדז וועגן דעם די געריכטסאַקטן פונעם פּראָצעס וואָס קומט פאָר אין יאָר 1486 פאַרן ווארשעווער לאַנדגעריכט צווישן די יידן רובין פון פולטוסק און בעניאַש פון טשערסק — ווארשעווער תושבים פאַרן יאָר 1483 — און צווישן דעם ווארשעווער מיעשטשאַן טעאָפיל, אויף וועלכן ס'איז אויך ביי־געווען אַ ספּעציעלער פאָרשטייער פונעם פירשט — דער קאַסיר אַנדזשעי פון יאַסיעניץ. די דערמאָנטע יידן — וועלכע דער פירשט האָט משמעות, בעת די אונטערהאַנדלונגען וועגן זייער צוריקקער, מבטיח געווען אַז זיי וועלן זייערע הייזער צוריקבאַקומען — קלאָגן אָן טעאָפילן אַז ער האָט פאַרנומען די הייזער וואָס געהערן צו זיי. דערקעגן טעאָפיל, וואָס האָט ווייזט אויס געדונגען די הייזער ביים פירשט, טענהט פאַרן געריכט אַז ער האָט אויף די הייזער באַקומען דאָס רעכט פונעם פירשט גופא. דער פירשט שטעלט זיך דורך זיין קאָמיסאַר אויפן צד פון די יידן — און דעריבער טאַקע גיט דאָס געריכט צוריק די יידן זייערע הייזער און באַפרייט זיי גלייכצייטיק פון צאָלן די פאַרלעגענע שטייערן. דער פירשט באַוואָרנט זיך אָבער אַז אויב די יידן וועלן זיך אין משך פון אַ יאָר מיט 6 וואָכן אַליין אין זייערע הייזער נישט אַריינציען, אָדער נישט באַזעצן דאָרט אַנדערע יידן, מוזן זיי צאָלן שטייערן פאַר דער צייט וואָס זייערע הייזער וועלן שטיין ליידיק.

דער גאַנג פון פּראָצעס, מיטן אָנטייל פונעם פירשטלעכן דעלעגאַט, און באַזונדערס דער רעזולטאַט פון פּראָצעס, איז אַ בפירושער באַווייז אַז די יידן זענען צוריקגעקומען קיין ווארשע מיטן הסכם פונעם פירשט און אין די אינטערעסן פונעם פירשטלעכן אוצר.

מיר זעען אַלזאָ אַז דאָס אַריינלאָזן די יידן צוריק אין שטאָט איז געווען פונקט אַזאַ פיסקאַלע אָנגעלעגנהייט, ווי דאָס אַרויסטרייבן זיי מיט אַ פּאָר יאָר פריער.

די דאָזיקע דערשיינונג איז פאָרגעקומען נישט נאָר אין מאַזאָוויע. פאַרקערט, מיר קענען דאָ באַמערקן די השפּעה פון מערב, וואו די הערשער האָבן שטענדיק געפירט אַזאַ פּאָליטיק לגבי די יידן, אַז נאָך אַ צייטווייליקער באַפרידיקונג, וואָס זיי פלעגן געבן די קריסטלעכע בעלי־חובות פון די יידן אַרויסטרייבנדיק די יידישע באַפעלקערונג, פלעגן זיי די זעלביקע וואָכערניקעס צוריק אַריינלאָזן אין לאַנד, געבנדיק זיי נייע פריווילעגיעס.

אויף דער לעצטער החלטה פון פירשט האָבן אויך געהאַט אַ השפּעה די הלוואות וואָס די יידן האָבן דעם פירשט פאַרגעלייגט „מיטן דאַנקגעפיל" פאַרן צוריקקערן זיי צו זייער פריערדיקער היים. דער פירשט האָט טאַקע גענאָסן פון די דאָזיקע הלוואות, וועגן וואָס מיר דערוויסן זיך פון די נאָטיצן פאַר די יאָרן 1485—1487 וועלכע געפינען זיך אין די שאַצביכער. די דאָזיקע הלוואות האָבן געמוזט באַטרעפן גאַנץ באַדייטנדיקע געלטסומעס, אויב בלויז איין ראַטע פון אַ הלוואה וואָס דער פירשט האָט גענומען ביי דעם ווארשעווער יידן מוכא האָט באַטראָפן 30 פלאָרין (י' 1487) (26) און ביי דער ווארשעווער יידישער איינוואוינערין אָשפּינע — 26 פלאָרין (י' 1485) (27).

פונעם יאָר 1486 און ווייטער הייבן זיך אָן צו באַווייזן רעגלמעסיק נאָטיצן וועגן די ווארשעווער יידן. דאָס לעבן פון די יידן וואָס זענען פון זייער וואַנדערונג צוריקגעקומען גייט שוין נאָרמאַל. מיט דער הילף פון פירשט האָבן ווארשיינלעך אויך אַנדערע ווארשעווער יידן, פונקט ווי רובין און בעניאַש, צוריקבאַקומען זייער אומבאַוועגלעך אייגנטום וואָס זיי האָבן געהאַט אין ווארשע אין יאָר 1483. אָבער נישט נאָר די יידישע גיטער קערן זיך אום צוריק צו זייערע אַמאָליקע אייגנטימער, נאָר אויך זייערע זעלבסטפאַרוואַלטונג־אָרגאַנען און זייערע פּאָזיציעס וואָס די יידן האָבן געהאַט פאַרן גירוש ווערן צוריק אויפגעלעבט. דער געמישטער געריכט, דער א"ג יידישער געריכט, הייבט פון דאָס ניי אָן זיין טעטיקייט וואָס איז אין 1483 איבערגעריסן געוואָרן. די קהילה שיקט אַהין אירע בייזיצער. די דאָזיקע פּאָסטנס פאַרנעמען אין יאָר 1489 אַ מאָל

(26) מאַזאָווישע מעטריקע, מ. 7, ז' 78, יאָר 1487.

(27) דאָרטן, ז' 73, י. 1485.

יוסף און יאָנאַס (28), און אַ צווייט מאָל — יוסף און בעניאַש (29). קיין וואַרשע קומט אויך צוריק דער רב („דאָקטאָר"), דער שטענדיקער פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה. דעם כסא־הרבנות פאַרנעמט איצט „דאָקטאָר" אהרן (30).

פונעם פּראָצעס וועגן אַ געשלעג צווישן דעם וואַרשעווער יידן אברהם, זיין ווייב אסתר און בעניאַשעכע מיט איר טאָכטער טשאַר־נולע, דערוויסן מיר זיך וועגן דער עקסיסטענץ פון אַ יידישער שול (31), וואָס איז מסתמא (לויט פרענקס השערה) חרוב געוואָרן בשעת די נעשעענישן פון יאָר 1483.

## 6. די וואַרשעווער יידן אין די יאָרן 1486 — 1498

זינט די יידן האָבן זיך צוריק אומגעקערט קיין וואַרשע לאָזט זיך באַמערקן אַ געוויסע פאַרבעסערונג אין דער באַציאונג צו זיי מצד דעם פירשט באָלעסלאַוו דעם 4טן. נישט געקוקט דערויף וואָס דער פירשט אליין האָט אינעם יאָר 1483 ארויסגעגעבן די וואַרשע־ווער בירגער אַ פּריווילעג לויט וועלכן פרעמדע סוחרים, אַלזאָ אויך יידן, טאָרן נישט פירן קיין לאַחדים־האנדל אויך אויפן פירשטלעכן הויף, שטייט באָלעסלאַוו אין האנדל־באַציאונגען מיט די יידישע לאַחדים־הענדלער. אַזוי, אַ שטייגער, צאָלט ער איין אַ פּולטוסקער יידישער סוחרטע 3 פל' פאַר לייוונט (32), אויך אַ שותפות־געשעפט פון בריסקער יידן — 37 פל' פאַר ווייסן סאַמעט (33).

אויפן פירשטלעכן הויף באַגעגנען מיר אחוץ ליפעראַנטן אויך מעקלערס וואָס זענען באַהילפלעך דעם פירשטלעכן פינאַנץ־אַפּאַראַט. אַזעלכער איז דער טשעכאַנאָווער ייד שלמה (34), וואָס פאַר־מיטלט ביים איבערשיקן די שטייערן פונעם טשעכאַנאָווער שרייבער צום פירשט.

באָלעסלאַוו דעם 4טנס ממלא־מקום, קאָנראַד דער 3טער, וועלכן מ'האָט גערופן „דער געלער", איז אַ מענטש אָן אַ כאַראַק־טער. גענוג אָנצואווייזן אַז ער, דער פּיאַסטישער פירשט, פאַר־בינדט זיך מיט פוילנס דם־שונאים — מיטן קרייצפאָרער־אָרדן (35). זיין באַציאונג צו יידן איז אויך נישט קיין גוטע. ער לייגט אויף זיי ארויף זייער שווערע שטייערן, און אונטער דער לאַסט ווערן רואינירט כמעט אַלע וואַרשעווער יידן. ער האָט אויף קיינעם קיין רחמנות נישט, און אויב עמעצער פירט נישט אויס זיין באַפעל זעצט ער אים אריין אין תפיסה. אַזוי, אַ שטייגער, טרעפט זיך אין יאָר 1495 אַז דער פירשט לייגט ארויף אויף מאַנאַסאָווא און אברהמען, דער רביצינס זון, און אַשפּינען אַ שטייער אין דער הייך פון 100 פל' (36). היות זיי האָבן אַזאַ סומע נישט געקענט באַצאָלן און ס'האָט זיי געדראָט תפיסה, גאַראַנטירן פאַר זיי די פאָלגנדיקע יידן: „פּאַווראָזניק", סמאָלקאַ, מושקאַ, יאָנאַס און אַברהמס ווייב, אונטער דער שטראָף פון 200 פלאָרין. וועגן אַן אַנדער פאַל מעלדן אונדז די אַקטן פון יאָר 1491: צוויי יידישע „פּאַווראָזניקעס", שמעון און יצחק (37), ווערן אריינגעזעצט אין תפיסה פאַר נישט איינצאָלן שטייערן, און זיי שטעלן צו ערבים אַז זיי וועלן זיך רואיק פאַרהאַלטן אין דער תפיסה אונטער אַ שטראָף פון 300 פלאָרין. אויך אויף דעם וואַרשעווער יידן לאַזאַרוס האָט קאָנראַד קאָנטיק ארויפגעלייגט נישט קיין קלענערן שטייער, אויב ער שטעלט צו 4 ערבים און די שטראָף פאַר נישט האַלטן די תנאים פון ערבות באַ־טרעפט 300 אונגאַרישע פלאָרין (38).

(28) וו. ל. ג. א., נ' 6, ז' 426, י. 1489:

(29) דאָרטן 7803, י. 1491.

(30) דאָרטן, נ' 6, ז' 780, י. 1491.

(31) דער סינאָד אין ברעסלע (י. 1266) פאַרווערט די קריסטן צו גיין אין איין באָד און שענק מיט יידן (stubae, balnea et tabernae. Hube: Antiquissimae const. syned. prov. Gnes. p. 68-70). זע אויך שיפּערס „ווירטשאַפטסגעשיכטע", ז' 289. דעמדאָזיקן באַשלוס באַ־שטעטיקט דער סינאָד אין בודאַ פון 1279.

(32) מאַזאָווישע מעטריקע, נ' 7, פּ. 80, י. 1488.

(33) דאָרטן, נ' 7, פּ. 77, י. 1487.

(34) דאָרטן, פּ. 77, י. 1488.

(35) K. Tymieniecki, Pierwsi gospodarze Warszawy, Warszawa 1919, p. 28-30.

(36) וו. ל. ג. א., נ' 7, ז' 434, י. 1495:

(37) דאָרטן, נ' 6, ז' 780, י. 1491.

(38) דאָרטן, נ' 7, ז' 433, י. 1495.





ס'איז נישט קיין וואונדער וואָס ביי אַזאַ מין פינאַנץ־פּאָליטיק פונעם פירשט לגבי די יידן זענען זיי דערטרונקען געוואָרן אין אַלץ גרעסערע און גרעסערע חובות, וואָרעם נאָר מיט געלט האָט מען געקאָנט קויפן דאָס רעכט אויפצוהאַלטן זיך אין וואַרשע. וועגן די דאָזיקע חובות האָבן מיר אַ גאַנצן צעטל נאָטיצן וואָס באַווייזן אַז די יידן ווערן אַלץ מערער אָפּהענגיק פון דעם רייכן שטאָטישן פּאַטריציאַט. אַזוי, אַ שטייגער, באָרגט זיך אברהמס ווייב ביי דער רייכע מיעשטשאַנקע גערטרודע, מיקאָליי באַריטשקאַס פרוי, איין מאָל 9 פלאָרין (39) אויף היפּאָטעק, אַ צווייט מאָל — 7 פל' (40); דער וואַרשעווער ייד יוסף באָרגט ביים וואַרשעווער פּאַטריציער מי־קאָליי באַריטשקאַ 14 פל' (41). די גרעסטע סומע באָרגט מאָנאַ־סאָווא ביי דער פרוי קאַזובאָווא (45 שאָק גראָשן).

## 7. די שקיעה פון דער וואַרשעווער קהילה

פון 1498 ביז 1524 הערן מיר גאָרנישט וועגן די וואַרשעווער יידן. פון וואַנען נעמט זיך דאָס? דאָס איז בלי־ספק אַ פּועל־יוצא פון אַ נייעם יידן־גירוש. דער דאָזיקער גירוש איז אַ היסטאָרישער פאַקט, הגם די קוועלן האָבן אונדז נישט איבערגעלאָזט קיין שום פּרטים וועגן דעם און אויך נישט קיין גענויע דאַטעס פונעם גי־רוש. אַ בפירושער באַווייז וועגן גירוש איז אָבער אַ בינטל פאַקטן וואָס איז פאַרהיט געוואָרן אין די אַקטן וועלכע זענען נוגע דער ליקווידאַציע פון יידישע הייזער. דאָס איז אַ געוויינטלעכער עפּילאָג פון דער גירוש־דראַמע. ס'איז אויך נישט שווער זיך משער צו זיין ווי ס'האָט אויסגעזען דער פּראָלאָג פון דער דראַמע, ווען מיר וועלן זיך דערמאָנען אַז צו יענע צייטן האָבן אויפן וואַרשעווער גראָד רעזידירט די פירשטן יאַן און סטאַניסלאַוו וועגן וועלכע מיר וויסן פון אַנדערע קוועלן (42) אַז זיי האָבן געלעבט אַ גוטן טאָג און געשליידערט געלט אויף רעכטס און לינקס. ס'איז בכן לייכט זיך משער צו זיין אַז דאָס וואַרשעווער בירגערטום האָט איצט, פּונקט ווי אין יאָר 1483, אויסגענוצט די סיטואַציע און האָט פאַר די אויגן פון די לייכטזיניקע פירשטן פונאַנדערגעוויקלט פּערספּעקטיוון פון נייע קרעדיטן. פאַרן פּרייז — פּטור צו ווערן פון זייערע יידישע קאָנקורענטן — האָבן זיי פאַר די פאַרבעל־חובטע פירשטן געעפנט זייערע טייסטערס.

אונדזער מיינונג וועגן דעם נייעם גירוש שטיצט זיך אויף אַ ריי דאָקומענטן, טרוקענע און קורצע, אָבער אונטער וועלכע ס'באַהאַלט זיך אַ טראַגישע ווענדונג וואָס איז פאָרגעקומען אין דער געשיכטע פון וואַרשעווער יידן. אויפן ערשטן אָרט שטייט די ידיעה וועגן אַן אַקט וואָס האָט געשטעמפּלט דעם גורל פון דער יידישער שול אין וואַרשע. אַזוי, אַ שטייגער, איז אונדז באַוואוסט אַז די פירשטן יאַן און סטאַניסלאַוו האָבן אינעם יאָר 1522 געשענקט אַ געוויסן שליאַכטשיץ קאָזירסקי דעם פּלאַץ פון דער יידישער שול (43).

די שקיעה פון דער וואַרשעווער קהילה לאָזט זיך אויך באַ־מערקן אין אַ פּאַרמעטענעם דאָקומענט פונעם יאָר 1516, לויט וועלכן די מאַזאָווישע פירשטין אננא שענקט איר הויפדינער מי־קאָליי נאָסקאָווסקי, וועלכן מ'האָט גערופן טשעך, פאַר זיינע „געטרייע דינסטן" אַ ליידיק פּלאַץ גלייך לעבן דעם מויער וואָס רופט זיך אָשווינסקי (לויטן נאָמען פונעם וואַרשעווער ייד אָשוואַ), אין וועלכן ס'האָט געוואוינט דער ייד אברהם (דער מויער געפינט זיך צווישן דעם פּלאַץ פונעם פּישער ווישאָטאַ דעם לאַנגן און דעם כי־מינסקי־פּלאַץ פונעם יידן כימאַ „אויף דער יידישער גאַס"). אחוץ דעם גיט איר די פירשטין אויך זייער ווערטפולע רעכט: זי באַפרייט אים, „לויט די אַלטע מנהגים וואָס האָבן געהערשט אין די צייטן ווען די יידן האָבן געוואוינט אין וואַרשע", פון אַלע שטייערן, צינדזן, קאָנטריבוציעס און שטאָטישע אָפּצאָלן; נאָסאָקאָווסקי וועט, אַזוי ווי אַ מאָל די יידן, אונטערליגן נאָר דעם פירשט און צו אים געהערן (44).

(39) Adv. et Scabinalia C. A. V., № 528, f. 21, 23, 1498.

(40) דאָרטן, פּ. 241וו, 26, י. 1498.

(41) דאָרטן.

(42) K. Tymieniecki, I. c.: Lunin Karol, Dawne prawo mazowieckie, p. 103.

(43) זע: ע. פרענק, „עפּיזאָדן פון דער געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע" („היינט", 1924, נ' 14); נ. סאָקאָלאָוו, „רחוב היהודים בורשה" („האסיף", 1894. ז' 129).

(44) הויפּט־אַרכיוו אין וואַרשע (Archivum Główne) סיגנאַטור — נ'

אן ערך אין דער זעלביקער צייט האט דער מאזאווישער פירשט איבערגעגעבן צום קלויסטער פון הייליקן יאן דעם פלאץ וואס איז פארבליבן נאכן חרוב געווארענעם יידישן בית־עולם. דער קלויסטער האט אינעם יאר 1531 (45), ווי מיר האבן שוין אנגעוויזן, אויפגעבויט אויפן ארט פון יידישן בית־עולם א בעקעריי.

אין צוזאמענהאנג מיט דעם איז נאך כדאי צו ברענגען אייניקע פרטים וועגן אמאליקע ווארשעווער יידן, וואס האבן זיך פארהיט אין די פויזנער אקטן פון אנהייב 16טן י"ה. אין דעם דאזיקן מקור געפינען מיר פראגמענטן פון א שטראפפראצעס וואס איז פארפירט געווארן אקעגן א געוויסן סטאניסלאוו, וועמען מען האט באשולדיקט אין פאבריצירן פאלשע מטבעות אין די געגנטן פון פרעמיסלע (פשעמיסל). בעת דער אויספארשונג האט זיך סטאניסלאוו מודה אז נישט ווייט פון קראסניעוועץ קויפן איין די ווארשעווער יידן אליהו און יצחק פאלשע מטבעות, וואס ווערן דארט אויסגעארבעט (46). וויפל אמת ס'שטעקט אין די דערקלערונגען פון סטאניסלאוון, וועלכער האט אוודאי לויטן מיטל־עלטערלעכן שטייגער געליטן שווערע ענוים, איז שווער לויט די קוועלן פעסטצושטעלן.

דעם לעצטן שפור פון די ענינים וואס זענען פארבליבן אלס ירושה נאך די ווארשעווער יידן באגעגענען מיר אינעם יאר 1521 (47). אין דעם דאזיקן יאר שטעלט ארויס די ווארשעווער מיעשטשאנקע קאזובאווא א תביעה וועגן דעם פלאץ וואס האט א מאל געהערט צו דער יידישער איינוואוינערין מאנאסאווא, וועלכע איז שולדיק געווען קאזובאוואן פאר 23 יאר א געוויסע געלטסומע. פון די אויבן דערמאנטע נאטיצן און דאקומענטן זענען מער פאר אלץ כאראקטעריסטיש די ווערטער אינעם אקט פון יאר 1516, וועלכן מיר האבן שוין פריער ציטירט: „אלטע מנהגים, וואס האבן געהערשט אין די צייטן ווען די יידן האבן געוואוינט אין ווארשע" (48).

בכן, לויט די אלע ידיעות האט דער גירוש געמוזט פארקומען תיכף נאכן יאר 1498. אין דעם דאזיקן יאר ענדיקט זיך די געשיכטע פון די יידן אין ווארשע. זינט דעמאלט מעג א ייד בלויז פארבייפארנדיק זיך אויפהאלטן אין ווארשע, און דאס נאר בשעת ירידים. א שטענדיקער אויפהאלט איז די יידן אין פרינציפ פארווערט. נאר אלס יוצא מן הכלל און א דאנק א ספעציעלן חסד פון דער מאכט, געלינגט עס דעם אדער יענעם יידן צו באקומען א ספעציעלן פריווילעג אויף צו וואוינען אין ווארשע צוזאמען מיט דער משפחה. אזא רעכט באקומט, למשל, די משפחה פונעם יידישן מכסניק (שטייער־פאכטער) משה, וועגן וועלכן מיר וועלן רעדן גענויער אין א ווייטערדיקן קאפיטל.

אין די יארן 1498—1524 האלטן זיך אויף בלויז ציטווייליק אין ווארשע יידן פון פארשידענע שטעט פון דער קרוין אדער מאזאוויע, וואס פירן דא אדורך פארשיידענע עסקים. אזוי, א שטייגער, באגעגענען מיר אין ווארשע אין יאר 1503 משהן פון סאכאטשאוו, וועלכער מאנט סחורות ביי די יורשים פון עפעס א דערהרגעטן יידן (49); אינעם יאר 1505 — מיכאל באטיטשקא פון בריסק דליטע, פאר וועמען עס גאראנטירט דער ווארשעווער מיעשטשאן בערנהארד גיעסער אויף א סומע פון 12 פל' (50); אינעם יאר 1518 — יאאכימען, פון בריסק־דליטע, וועלכער פארקלאגט דעם ווארשעווער מיעשטשאן קערסקי וועגן א חוב פון 82 פל' (51); אינעם יאר 1520 — אדאמען פון בריסק־דליטע, וואס קלאגט אן

(45) ג. סאקאלאוו, „רחוב היהודים בורשה" („האסיף", 1894, ז' 127.

(46) "Item duo Judei de Warschowia Eliasch et Issack etiam unus in Ploczko Judeus et quartus in Gnezna Judeus florenos mediantes emunt et recipiunt de prope Croszneowycz ubi eos laborant" (Warschauer: Stadtbuch von Posen, p. 332) (Liber maleficiorum ab anno 1502-4).

(47) Adv. et Scab. C. A. V., № 529, 1524

(48) "...iuxta morem veterem tempore iudeorum quando et prout Judei habitabunt (¿habitabant?)".

.3 .1,1549

ציטירט לויט שיפערס „ווירטשאפטסגעשיכטע", 3-238.
(ניט פאגינירט)

(49) Advoc. et Scab. C. A. V., № 528, f. 64 v, 1503.

(50) Ibidem, f. 74, 1505.

(51) Inscriptiones Causarum Civit. A. V. etc., f. 176, 1518.

דעם סאכאטשעווער יידן יעקב וועגן א חוב פון 10 שאק גראשן (52); אינעם יאר 1522 — כאראשענקאן פון גראדנע, וועלכער האט פארזעצט פעל אויף א סומע פון 7 שאק גראשן ביים מיעשטשאן קאזוב (53), און אין 1524 — שמעונען פון ווענגראוו, (וואס איז שולדיק 25 שאק גראשן דעם ווארשעווער מיעשטשאן געארג בורבאכן (54).

די פארטריבענע יידן האבן, אן ספק, אזוי ווי אינעם יאר 1483, געווענדט זייערע טריט צו די נאענטסטע יידישע קהילות, ווי בלוינע, טשערסק, פולטוסק א.אז"וו. זיי האבן אבער נישט פארלוירן די האפענונג אז א מאל אין דער צוקונפט וועט אויך צו זיי א שמייכל טאן דער גורל און אז פאר זיי וועלן זיך עפענען די טויערן פון ווארשע. געוויס אז זיי האבן זיך אויפגעהאלטן אין דער נאענטסטער שכנות פון דער מאזאווישער הויפטשטאט, און מיט דעם דערקלערט זיך טאקע דער פאקט וואס אין די געגנטן פון ווארשע שאפט זיך א נייער יידישער יישוב. זיינע ערשטע שפורן באווייזן זיך אין אנהייב פון 16טן י"ה — אן ספק אין צוזאמענהאנג מיטן גירוש פון די ווארשעווער יידן. אזא יישוב איז געווען אין נאדארזשין (55), וואו מיר טרעפן יידן אין יאר 1525. פון דאנען, פונקט ווי פון בלוינע, פרואוון די יידן אריבערצוקומען צו די פארשטעט פון ווארשע (56), וואס ס'גיט זיך זיי טאקע טייל מאל איין. צו די ווייטערדיקע באמיאונגען פון די יידן צו באזעצן זיך אויף שטענדיק אין ווארשע מאכט א סוף דער פריווילעג Privilegium de non tollerandis Judeis פונעם יאר 1527.

איידער מיר וועלן צוטרעטן צו א גענויעם אנאליז פון דעם דאזיקן פריווילעג ווילן מיר צו ערשט מאכן א סוף צו דער מיינונג פון סאביעשטשאנסקי (57) און נוסבוים (58) אז שוין אינעם יאר 1525 איז ארויסגעגעבן געווארן א פריווילעג „וועגן נישט טאלערירן יידן אין ווארשע". די דאזיקע מיינונג שטיצן די דערמאנטע פארשער אויף יאנוש דעם 2טנס דעקרעט פון י' 1525, לויט וועלכן דער פירשט פארווערט נישט־קאטאליקן צו פארבלייבן אין ווארשע. סאביעשטשאנסקי און נאך אים נוסבוים נעמען אריין אינעם באגריף „נישט־קאטאליקן", וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דעקרעט, אויך די יידן, און אויף אזא אופן באשטימען זיי דאס יאר 1525 אלס די דאטע אין וועלכער ס'איז צום ערשטן מאל ארויסגעגעבן געווארן דער פריווילעג. בעת מען לייענט אבער דעם דאקומענט גופא ווייזט זיך ארויס אז ער האט גאר קיין שום שייכות נישט צו יידן, נאר ער איז געווענדט אויסשליסלעך אקעגן די אנהענגער פון וועלכן־נישט־איז קריסטלעכן — נישט־רוימיש־קאטוילישן גלויבן; בפרט איז ער געווענדט אקעגן די אנהענגער פון פראטעסטאנטיזם, וועלכער האט זיך דעמאלט אנגעהויבן צו פארשפרייטן אין ווארשע. וועגן דעם זאגט בפירוש עדות דער אפזאץ פונעם דעקרעט, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן דעם אז „קיינעם אין דעם מאזאווישן פירשטנטום איז נישט דערלויבט צו האבן ביי זיך אדער צו לייענען ביכער פון לוטערס פאלשער אמונה אין וועלכער נישט איז שפראך, אין לאטייניש אדער אין דייטש, אונטער טויטשטראף און קאנפיסקאציע פונעם פארמעגן" (59).

אויף אזא אופן צערינט די גאנצע השערה פון די דערמאנטע פארשער. אזוי ווי דער דאקומענט פון יאר 1525 קער זיך נישט

(52) וו. ל. ג. א., נ' 9, ז' 37, י. 1520:

(53) Advoc. et Scab. C. A. V., № 529

(54) וו. ל. ג. א., נ' 9, ז' 270, י. 1524:

(55) Akta ziemskie pow. Błońskiego, № 5, ζ. 830, 1525.

(56) אז יידן האבן זיך באזעצט אין די ווארשעווער פארשטעט באווייזט דער פריווילעג פון יאר 1527, וואס שטרייכט אונטער, אז דיידן איז פארווער צו וואוינען אין די פארשטעט פון ווארשע. ס"

(57) העגריק נוסבוים שרייבט אין די „סקיצן פונעם לעבן פון יידן אין ווארשע" (ז' 4):

"Toteż w r. 1525 Janusz ks. Warszawski wydał dekret zabraniający wszystkim niekatolikom a zarazem y Żydom mieszkać w Warszawie oraz trudnić się handlem i rzemiosłem".

(58) Encykl. Orgelbranda, T. 26, p. 437.

(59) "Et nullus in toto Ducatu Mazoviae tam in civitatibus, oppidis quam eorum in villis cujuscunque, conditionis et status existat praesertim in civitate Varsaviensi libros et falsam doctrinam Lutheri in quocunque sermone sive Latino sive Alemanico aut quovis alio tenere apud se et in domibus suis habere, legere ...talis vita privari debeat et bona ejus ...confiscari" (Volumina legum 223 (448).

און מיט דער געשיכטע פון די ווארשעווער יידן, בלייבט אונדז דער פריווילעג פון 1527 אלס דער אמתדיקער פריווילעג פון
.Privilegium de non tollerandis Judeis

## 8. דער אנטי־יידישער פריווילעג פונעם יאר 1527 (60)

אינעם ערשטן טייל פונעם פריווילעג גיט דער קעניג אן די מאטיוון וואס באוואוינגן אים צו פארווערן די יידן דעם אויפהאלט אין ווארשע. דאס זענען: 1) די אנקלאגן פון די ווארשעווער מיעשטשאנעם אויף א סך גנבות, שאדנס און מעשים תעתועים (Multis maleficiis damnis et furtis), וועלכע זאלן האבן פארגעקומען צוליבן אויפהאלט פון די יידן אין ווארשע, און זייער בקשה מען זאל די יידן דערווייטערן פון ווארשע; 2) די אמאליקע טראדיציעס פון די צייט פון די מאזאווישע פירשטן, אונטער וועלכע די יידן האבן נישט געטארט וואוינען אין ווארשע: "Iuxta veterem consuetudinem ipsos judaeos in Civitate Warschowiensi Nova et veteri neque in earum suburbiis morari non permitteremus"...
"Judeos ipsos temporibus transactis nunquam nec in Civitate Warschowiensi Nova et veteri neque in carum. Suburbiis nunquam habitasse".

די אויספירונגען פון די מיעשטשאנעם — שרייבט זיגמונט דער 1טער — זענען אונטערגעשטיצט געווארן פון די שררות און די פירשטלעכע באאמטע און צוליב די דאזיקע מאטיוון פארווערט דער קעניג די יידן סיי איצט און סיי אין דער צוקונפט: א) אויפצוהאלטן זיך אין שטאט, ב) שטענדיק צו וואוינען אין אלט־ און נייווארשע און אין אירע פארשטעט (Mansionem et incolatum interdicimus) ג) צו פארמאגן דארט וועלכע־נישט־איז וואוינונגען אדער הייזער (Res earum habitaciones seo domos ilic possidere)

אין איינציקן אויסנעם מאכט דער קעניג פאר „משה דעם עלטערן, צוליב זיינע פארדינסטן פאר די מאזאווישע פירשטן
"excepto solo et unico Moisé, antiquo teleoneatore nostro cui propter eius servitia ducibus olim Masoviae exhibita illic Warschoviae... habitare... permttimus..."
— אים ווי אויך זיין גאנצער משפחה דערלויבט דער קעניג צו וואוינען אין ווארשע בתנאי אז קיין שום ייד וואס איז נישט קיין מיטגליד פון זיין משפחה זאל נישט טארן וואוינען ביי אים אין הויז; נאך משהס טויט מוז די איבערגעליבענע משפחה פארלאזן ווארשע. דורכצופירן און אפצוהיטן די דאזיקע פונקטן גיט דער קעניג איבער דעם מאזאווישן וואיעוואדע פעליקס פון בריסק, דעם טשעכאנאווער קאסטעלאן און גלייכצייטיק דעם ווארשעווער סטאראסטע אנדזשעי גאלינסקי און דעם ווארשעווער שטאטראט, וועלכער איז אחוץ דעם פארפליכטעט צו דערווייטערן די יידן וואס וועלן זיך באווייזן אויף דער טעריטאריע פון ווארשע און אירע פארשטעט.

ווי מען זעט פונעם קיצור פון דעם פריווילעג, זענען די איניציאטארן פון דעם נייעם גירוש ווידער געווען די ווארשעווער מיעשטשאנעם, וועלכע האבן געמוזט גוט פילן די פארשטארקטע קאנקורענץ מצד די יידן אין די יארן 1523—1527. כאראקטעריסטיש אז דעם אויבנאן אין דעם פריווילעג פארנעמען מאטיוון וואס

(60) דער אריגינאל פונעם פריווילעג געפינט זיך אינעם הויפט־ארכיוו אין ווארשע (Arch. Główne) — (סיגנאטור: נומ' 1557, 1, 3, ), וווהין מען האט אים אין די אכציקער יארן פון 19טן י"ה אריבערגעטראגן צוזאמען מיט אנדערע דאקומענטן פונעם שטאטישן ארכיוו אין ווארשע. דער אריגינאל איז א פארמעטענער, אן א זיגל, פון וועלכן ס'איז פארבליבן בלויז א שפור. אויף דער דרויסנדיקער זייט פון דאקומענט געפינט זיך אן אוילשריפט:
"Privilegium quo submoventur Judei in civitate Antiqua W."
דער דאקומענט איז אונטערגעשריבן דורכן קעניגלעכן אונטערקאנצלער פיאטר טאמיצקי. די ערשטע אבלאטע פונעם פריווילעג געפינט זיך אין ווארשעווער לאנדבוך (נומ' 16, ז' 60) און שטאמט פון יאר 1528. די דאזיקע אבלאטע איז געמאכט געווארן לויט דער פאראָרדענונג פון ווארשעווער סטאראסטע. איר קעפל לויטעט:
"Ingrossacio litterarum Regium ex mandato domini Capitanei ex parte Judeorum obtentarum"
דער פריווילעג איז אפגעדרוקט אין „וואלומינא לעגום", אויך ביי
T. Wierzbowski, I. C., № 33, p. 35



זענען ארויסגענומען פונעם ווערק פון בארימטן פוילישן מלוכה־מאן און געלערנטן יאן אסטראראג
"Monumentum pro comitiis generalibus regem sub rege Casimiro pro reipublicae ordinatione", **וואס איז דערשינען** אין די יארן 1490—1504 (61). אינעם קאפיטל „דאס רעכט פון די יידן" (62) ווייזט אן אסטראראג אז ווען ס'וועט **אפגעשאפט** ווערן דאס רעכט פון די יידן צו נעמען וואכער, וועלן מיט דעם אין איינעם אויך אויפהערן די צאלרייכע גנבות, וועלכע קריסטן באגייען, ווארעם מ'וועט אויפהערן צו שטרעבן אויף אזא אופן צוריקצובאקומען די האנט־משכנות וועלכע זיי פארמשכנען ביי יידן פאר די הלוואות וואס די יידישע וואכערניקעס גיבן זיי. די כוונה ארויסצורוקן בראש ארגומענטן, גענומען פון אזא אויטאריטעט ווי אסטראראג, איז א קלארע: די מיעשטשאנעם האבן געוואלט אויף אזא אופן שטארקער דריקן אויפן קעניג וואס האט זיך מיט דער מיינונג פון אסטראראג געוויס זיכער גערעכנט.

דאס יאר 1527 איז, אלזא געווען דער סוף פון א נייעם קאמפטאפ צווישן דעם פוילישן בירגערטום און די יידן — פון א קאמף, וואס האט זיך געענדיקט מיט א פולשטענדיקער מפלה פון די יידן.

און ווידער, ווי אין די פריערדיקע פאזעס פונעם קאמף צווישן די צוויי צדדים, קאן מען אנווייזן אויף ענלעכע גלייכצייטיקע פאסירונגען אין דער קרוין און פעסטשטעלן דעם פאקט אז די געשיכטע פון די דאזיקע כלומרשטע אפגעטיילטע מלוכות ווייזט ארויס א סך בשותפותדיקע טרעפפונקטן. די השערה אז ס'האט געמוזט פארקומען א פארשטענדיקונג צווישן דעם פוילישן בירגערטום אין מאזאוויע מיטן בירגערטום פון דער קרוין געווינט אלץ מער א שטארקן יסוד. ווארעם אין די יארן 1521—1527 באמערקן מיר אין דער קרוין (קראקע — 1521, 1527; לעמבערג — 1521, 1527 (63); פלאצק — 1521, 1522) (64) א פארשטארקטע קאמפאניע פונעם בירגערטום וואס שטרעבט צו באגרענעצן די האנדלפרייהייט וועלכע איז גאראנטירט געווארן דורך די יידישע פריווילעגן. דאס בירגערטום פון דער קרוין האט געשטרעבט צו באגרענעצן דעם לאחדים־האנדל פון די יידן (אחוץ אין דער צייט פון ירידים). אויך דעם האנדל מיט געוויסע ארטיקלען, ווי מיר האבן דאס פריער אנגעוויזן.

דער רעזולטאט פון דעם דאזיקן קאמף איז געווען אן אנדערער אין דער קרוין און א גאנץ אנדערער אין מאזאוויע.

אין דער קרוין האט דער קעניג באגרענעצט די האנדלרעכט פון די יידן, ער האט זיי אבער נישט דערווייטערט פונעם לאנד. פארקערט, אין א בריוו פון יאר 1528 (65) שרייבט דער קעניג צו די לעמבערגער מיעשטשאנעם אז באין־אופן וועט ער נישט דערלאזן, די דאזיקע האנדל־באגרענעצונגען זאלן אנגעווענדט ווערן לגבי די יידן אין אזא מדרגה אז דאס זאל צווינגען די לעצטע אויסצואוואנדערן פון פוילן. די סיבה דערפון איז וואס אין דער קרוין, בפרט אין די גרעסערע שטעט, ווי קראקע, לעמבערג, לובלין, האבן די יידן געבילדעט צאלרייכע יישובים, וואס פלעגן יאר־יערלעך אריינברענגען אין קעניגלעכן אוצר גאר היפשע געלטסומעס (אזוי, למשל, האט דער יארצינדז אין פוילן פארן יאר 1493 באטראפן 200 פל', אין קראקע אין יאר 1494 — 100 פל) (66). אין פאל ווען מען וואלט די יידן פארטריבן פון יענע מקומות וואלט אין דעם קעניגלעכן אוצר געווארן אזא טיפע לאך אז די טייסטערס פון די מיעשטשאנעם וואלטן נישט ביכולת געווען דעם חלל אויסצופילן.

אנדערש איז געווען אין מאזאוויע. דא האט דער פיסקאלער מאמענט, וואס איז געווען דעציזירנדיק אין דער באציאונג פון קע־

(61) Helcel, "Starodawne prawa polskiego pomniki", XXXIV.
(62) "Judaeorum ius". "Judaei etiam ius habent iniquum ut usuras accipiant, res alienas detineant et possideant nec restituere teneantur, nisi datur quantum velint. Tollatur omnino hoc et cassetur. Quod si haec illis adimetur libertas peribunt et ingentia furta".
(63) פג'ל ד"ר שיפערס „ווירטשאפטס געשיכטע", ז' 218 א"א
(64) פג'ל דעם פארמעטענעם פריווילעג, וואס געפינט זיך אין הויפטארכיוו אין ווארשע (סיגנ. נ' 3708, 3. 4. IV).
(65) פג"ל ד"ר שיפערס „ווירטשאפטס־געשיכטע", ז' 222.
(66) דארטן, זז' 307—309.

ניג צו די יידן אין דער קרוין, נישט געשפילט די ראָלע — פשוט צוליב דעם טעם ווייל די יידישע קהילות אין מאזאָוויע זענען גע־ווען שוואך אין כמות אין פאַרגלייך מיט די קהילות פון דער קרוין.

צו דעם קומט נאָך צו זייער א וויכטיקער מאָמענט. מאזאָוויע איז אינעם יאָר 1527 פאַראייניקט געוואָרן מיט דער קרוין. דעם פוילישן קעניג, אַלס א נייעם בעל־הבית, איז שטאַרק געלעגן צו געווינען די סימפּאַטיע פון דער פוילישער באַפעלקערונג פון דעם ניי באַקומענעם לאַנד. אזוי ווי דאָס ווארשעווער בירגערטום האָט אין די לעצטע יאָרצענדליקער פון 15טן י״ה און אין אָנהייב פון 16טן י״ה געשפּילט א באַדייטנדיקע ראָלע אינעםווירטשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, האָט דער קעניג געמוזט געווינען פאַר זיך די סימפּאַטיעס פון בירגערטום. לייכטער פאַר אַלץ האָט ער דאָס געקאָנט דערגרייכן דורכן באַשטעטיקן זיי די פריערדיקע פּריווילעגיעס, ווי אויך אָנערקענענדיק די מנהגים פון די צייטן פון דער אומאָפּהענגיקער מאזאָוויע וואָס זענען געווען גינציק פאַרן בירגערטום. דעריבער האָט זיך טאַקע דער פוילישער קעניג, צו ווע־מען ס׳האָט זיך אין מאַרץ 1527 געווענדט א דעלעגאַציע פון די ווארשעווער מיעשטשאַנעס מיט דער בקשה צו באַשטעטיקן זיי זיי־ערע פּריווילעגן (67), סימפּאַטיש באַצויגן צו זייער בקשה. ער האָט זיי באַשטעטיקט דעם פּריווילעג פון יאָר 1413 פון יאַנוש דעם 1טן און אויך געגעבן זיי דעם דערמאָנטן פּריווילעג פון יאָר 1527 (68).

אָט אויף וואָס פאַר א פאָן איז אויפגעקומען דער פּריווילעג פונעם יאָר 1527, וועלכער האָט אויף א גאַנצע ריי יאָרהונדערטער — ביז דער העלפט פון 18 י״ה — פאַרשלאָסן די טויערן פאַר יידן פון ווארשע. אַלע פוילישע קעניגן פלעגן דעם דאָזיקן פּריווילעג באַשטעטיקן ביים אַרויפגיין אויפן כסא־המלכות.

דער לעצטער ווידערקול פונעם יידן־גירוש אין ווארשע איז פאַרהיט געוואָרן אין א דאָקומענט פונעם יאָר 1527 (8 אַפּריל) (69), אין וועלכן דער קעניג פאַרווערט די יידן און די מיעשטשאַנעס קעגנזייטיק זיך צו לאָדן פאַרן געריכט (in curia regis), וואָס געפינט זיך אין ווארשע. דער דאָזיקער פאַרבאָט נעמט זיך פון די צאָלרייכע סיכסוכים וואָס האָבן אויסגעבראָכן צווישן יידן וועלכע האָבן ליקווידירט זייערע עסקים אין ווארשע, און צווישן דעם ווארשעווער בירגערטום.

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש אז אין די שפּעטערדיקע צייטן האָט אפילו דער „ועד ארבע ארצות״ (70) פאַרווערט די יידן צו באַ־זעצן זיך אין ווארשע. משמעות אז דער דאָזיקער באַשלוס איז אָנ־

(67) Teodor Wierzbowski, I. c., p. XXV.

(68) בנוגע דעם פּריווילעג פון 1527 מיינען א טייל היסטאָריקער אז ער איז א באַשטעטיקונג פון דעם כלומרשטן אַנטי־יידישן פּריווילעג פונעם פירשט יאַ־נוש דעם 1טן פון י׳ 1525; א טייל, דערקעגן, מיינט אז ער איז א באַשטעטיקונג פון פּריווילעג פון י׳ 1483. זע: נ. סאָקאָלאָוו „רחוב היהודים בורשה״, ז׳ 129; אויך: Encyklopedia Orgelbranda, I. 26, p. 437 א״א. לויט אונדזער מיינונג איז די דאָזיקע באַהויפּטונג א פאַלשע, וואָרעם זיגמונט דער 1טער פלעגט בעתן באַשטעטיקן די פּריווילעגן פון זיינע פאָרגייער ברענגען זייערע טעקסטן וואָרט־ווערטלעך, נישט אַדורכלאָזנדיק אפילו זייערע טיטולן. אין אונ־דזער פאַל שטרייכט זיגמונט דער ערשטער גאַנץ בפירוש אונטער אז דעם דאָ־זיקן פּריווילעג גיט ער די מיעשטשאַנעס אויפן סמך „פונעם אַלטן מנהג״ וואָס שטאַמט פון די צייטן בעת מאזאָוויע איז געווען אומאָפּהענגיק. דאָס איז א בפי־רושער באַווייז אז דער פּריווילעג פונעם יאָר 1527 איז אַן אָריגינעלער אַקט, וואָס נעמט בלויז אין אַכט דעם אַלטן מנהג.

מער פאַר אַנדערע האָט פאַרפּלאָנטערט דעם ענין פון די אַנטי־יידישע פּרי־ווילעגן העניק נוסבוים. לויט זיין מיינונג האָט דער פירשט יאַנוש פאַרווערט די יידן אינעם 1525 צו פאַרבלייבן ווייטער אין ווארשע א מרחק פון צוויי מייל ווייט פון שטאָט, א חוץ דער צייט פון די סיימען (אינעם יאָר 1525 סיימען אין ווארשע?!). זיגמונט דער ערשטער האָט דעם דאָזיקן פּריווילעג געזאָלט באַ־שטעטיקן און די דורכפירונג געזאָלט איבערגעבן דעם מאזאָווישן וואָיעוואָדע און דעם ווארשעווער שטאָטראָט.

H. Nussbaum, Szkice historyczne z życia Żydów w Warszawie, p. 5—6.

מיר האָבן פעסטגעשטעלט אז דאָס אַלץ וואָס נוסבוים שרייבט וועגן פּריווילעג פון י׳ 1525 באַציט זיך צום פּריווילעג וועלכן דער פוילישער קעניג זיגמונט אויגוסט האָט אינעם יאָר 1571 געגעבן די ווארשעווער מיעשטשאַנעס. פג״ל דעם פּאַרמעטענעם פּריווילג וואָס געפינט זיך אין ווארשעווער הויפּט־אַרכיוו, סיגנאַטור 1618, 2, 3, . אויך: Teodor Wierzbowski, I. c., № 75

(69) Teodor Wierzbowski, I: c., № 37.

(70) פג״ל די אַקטן פון „ועד ארבע ארצות״, 1טער טיקאָצינער קאָלעקציע (1621—1699), נומ׳ 11, יאָר 1669, ז׳ 80 אין „יעווריעסקאַיאַ סטאַרינאַ״ (רו־סיש), פעטערבורג, 1912, ב׳ 1.

גענומען געוואָרן לויט א וואונק פון דער מאַכט, וואָס פלעגט זיך נישט איין מאָל באַנוצן מיטן אויטאָריטעט פון דער יידישער רע־ליגיע, בפרט מיטן חרם, צוליב אירע זייטיקע צוועקן. וועגן דעם דאָזיקן פאַרבאָט דערוויסן מיר זיך פון טיקאָצינער פנקס אין וועלכן ס׳ווערט געבראַכט די החלטה פון ועד אין יאָר 1669. די דערמאָנטע החלטה איז א באַשטעטיקונג פון א פריערדיקער וואָס האָט נישט דערלויבט יידן צו באַזעצן זיך אין מאזאָוויע (71). פון וועלכן יאָר עס שטאַמט יענער אַלטער פאַרבאָט איז שווער פּינקטלעך פעסטצו־שטעלן. נעמענדיק אָבער אין אַכט די רעזולטאַטן פון די פאָרשונ־גען וועלכע ס׳האָבן אַדורכגעפירט די יידישע היסטאָריקער און לויט וועלכע דער ועד איז אויפגעקומען לערך אין די יאָרן 1570-1580, קאָנען מיר רעכענען אז די דאָזיקע החלטה איז אָנגענומען געוואָרן אין ערך סוף 16טן, אָדער אָנהייב 17טן יאָרהונדערט.

די דאָזיקע החלטה און איר באַשטעטיקונג אין יאָר 1669, ווי אויך, פון דער אַנדערער זייט, די כסדרדיקע באַשטעטיקונגען פו־נעם פּריווילעג פון יאָר 1527, זענען א בפירושער באַווייז אז די יידן האָבן זיך דאָך נישט אָפּגעזאָגט פונעם געדאַנק צו באַזעצן זיך אין אזא וויכטיקן האַנדלס־צענטער ווי ס׳איז דעמאָלט געווען וואַר־שע, און אז זיי האָבן כסדר געפּרואווט צו פאַרבלייבן אין דער שטאָט.

## די לעצטע מאָהיקאַנער

דער פּריווילעג פונעם יאָר 1527 איז אַריין אין קראַפט תיכף נאָך דעם ווי ער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן לטובת די ווארשעווער מיעשטשאַנעס. דער שטאָטראָט, וועמען מען האָט באַפוילן אָפּצו־היטן די תקנות פון פּריווילעג, האָט אוודאי גוט אַכטונג געגעבן אז קיין שום ייד זאָל נישט וואַגן צו פאַרבלייבן אין די ווארשעווער מויערן. א יוצא מן הכלל, ווי געזאָגט, איז געווען די משפחה פונעם שטייער־פאַכטער משה, וואָס האָט געהאַט א ספּעציעלע דערלויבע־ניש צו פאַרבלייבן אין ווארשע.

משה׳ס משפחה, וואָס איז באַשטאַנען פון 2 זין, לאַזאַרוס און יעקב, א טאָכטער אַננאַ און ווי עס שיינט אויך פון אַן איידעם — משה דעם יינגערן, האָט אַנטוויקלט דאָ א ברייטע ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט. דאָס באַווייזן די צאָלרייכע געריכט־נאָטיצן פון די יאָרן 1527—1532. משה מיט זיין משפחה, וועלכע פירן בשותפות האַנ־דל־ און קרעדיט־עסקים, פאַרמאָגן קאָלאָסאַלע געלטסומעס. כדי צו געבן א בילד פון זייער עשירות איז גענוג צו ברענגען די דערקלע־רונגען וואָס משה האָט געמאַכט פאַרן געריכט נאָכן אָנפאַל פון די ווארשעווער בירגער אינעם יאָר 1529: מען האָט ביי אים דעמאָלט אָפּגערויבט 100 שאָק גראָשן וועלכע ער האָט געהאַט גרייט אויף איינצוקויפן תבואה, 40 שאָק גראָשן — אויף אַרענדע פונעם שטייער־פאַכט. ווייטער: 12 זילבערנע רינגען, 10 אונגאַרישע פלאָרין אא״וו, אחוץ דעם — כלערליי סחורות, ווי אַראַס, סאַטין, שוואַרצן סאַמעט, „אַדאַמאַשעק״, טשאַמלעט, ווייסן קעלנערשטאָף אד״גל, אחוץ דעם אָן א שיעור משכנות (72).

דעם אויבנאָן אין דער דאָזיקער משפחה פאַרנעמט משה דער עלטערער. זיין טיטל (73) (doctor ebraicus) זאָגט אונדז אז אחוץ עסקים האָט ער אויך פאַרמאָגט גרויס וויסן. אינעם יאָר 1526, ד״ה נאָך אין די צייטן פון די מאזאָווישע פירשטן, נעמט ער אין אַרענדע דער ווארשעווער לאַנדשטייער און צאָלט פאַר אים 60 שאָק גראָשן א יאָר (74). ס׳ווייזט אויס אז זיינע פונקציעס אַלס פאַכטער האָט משה גוט אויסגעפילט, מחמת פאַר זיינע פאַרדינסטן ביי די מאזאָ־ווישע פירשטן האָט דער קעניג אים דעם איינציקן דערלויבט צו פאַרבלייבן אין ווארשע. אויך זיגמונט דער 1טער איז געווען צו־

(71) ..,הערט צו כל הקהל הקדוש.., מאחר אז עס איז ידוע לכל דז אין תקנות הקדמונים, דז קיין בר ישראל זאָל נישט וואונין במדינת מאזי״ (מאזאָ־וויע). טיקאָצינער פנקס (1621—1699), נומ׳ 11, ז׳ 80 אין „יעווריעסקאַיאַ סטאַרינאַ״.

(72) וו. ל. ג. א., נומ׳ 16, ז׳ 131, י׳ 1529.
"Recognitio pro parte Judeorum";
"Recognitio preconis in causa Judeorum", 1529, 105 v

(73) דאַרטן, נומ׳ 15, ז׳ 172, י׳ 1527

(74) Rejestr czynszów oraz innych dochodów książęcych a. 1526 (נישט פּאַגינירט) (Archiwum Skarbowe w Warszawie. Dział staropolski ks. № 42). "Theloneum terrestre a festo cancte Hedwigis anni suprascripti ad aliud simile festum Sancte Hedwigis pro 60 sexagenis iudeo est arendatum".

פרידן פון זיין טעטיקייט אַלס מכסניק. אין אַ ספּעציעלן בריוו, גע־ווענדט צום שרייבער בעלסקי, באַפעלט אים דער קעניג אויסצודריקן משהן אַ דאַנק פאַר דער פרוכטבאַרער טעטיקייט, און אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט פאַרקלענערט ער אים די אַרענדע־געלט פון מכס מיט גאַנצע 10 שאָק גראָשן (75).

אחוץ זיין הויפּט־באַשעפטיקונג — שטייער־אַרענדע — צוליב וועלכער ער טראָגט אויך דעם טיטל Teloneator S.R.M., פאַרנעמט זיך משה אויך מיט אַנדערע האַנדל־ און קרעדיט־עסקים. דער האַנדל איז געווען אַ וויכטיקער קוואַל פון זיינע הכנסות. וועגן דעם זאָגט עדות אַ גרויסע רשימה פון כלערליי טייערע סחורות וועלכע מען האָט ביי אים צעראַבירט בעתן דערמאָנטן אָנפאַל פונעם יאָר 1529. אַלס אילוסטראַציע גיבן מיר דאָ אָן דעם פּרייז פון די באַזונדערע סחורות וועלכע האָבן צוזאַמען באַטראָפן 90 שאָק גראָשן (76):

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 1 | באַל | cubilecti (pecias) אָדער האַראַס, | צו | 9 | פלאָרין |
| 2 | באַלן | „ „ „ | „ | 8 | „ |
| 3 | „ | „ „ „ | „ | 7 | „ |
| 3 | „ | „ סאַטין | „ | 100 | גראָשן |
| 30 | „ | „ „אַדאַמאַשעק" | „ | 30 | „ |
| 26 | איילן | שוואַרצער סאַמעט | „ | 1 | שאָק |
| 3 | „ | goździkowy czamlet polustuczki | „ | 2 | „ |
| 2 | באַלן | ווייסער קעלנער־לייוונט | „ | 2 | „ |
| 3 | „ | „ „ „ | „ | 1 | „ |
| 1 | „ | „ „ „ | „ | 1 | „ |

אחוץ שטאָף האַנדלט אונדזער משה אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב אויך מיט תבואה, וועלכע ער פירט מסתמא קיין דאַנציק. אַ השגה וועגן דער גרייס פון דעם האַנדל גיט אונדז משהס דערציילונג אַז מען האָט ביי אים צוגענומען 100 שאָק גראָשן וועלכע זענען גע־ווען באַשטימט אויף איינקויפן תבואה. מ׳דאַרף נאָך צוגעבן אַז משה פאַרמאָגט פיל משכנות (77), אַז ער קען זיי גאָר נישט אויס־רעכענען אויסנווייניק —, און מיר ווערן אַזוי אַרום האָבן אַ קלאָר בילד וועגן משהס פאַרשיידנאַרטיקע עסקים.

משה — דאָס איז דער רייכסטער וואַרשעווער ייד וועלכן מיר האָבן אָנגעטראָפן פאַר די 118 יאָר וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ אין אונדזער אַרבעט. אויב מיר האָבן קיין איינעם אפילו פון די רייכסטע וואַרשעווער סוחרים אָדער וואָכערניקעס נישט געקאָנט פאַרגלייכן מיט די יידישע סוחרים און באַנקירן אין דער קרוין, קאָנען מיר משהן זיכער שטעלן אין דער מדרגה פון אַ יידישן באַנקיר פון קראָקע אָדער לעמבערג. אחוץ משהן אַנטוויקלט אויך זיין זון לאַזאַרוס און זיין איידעם משה דער יינגערער אַ רייכע האַנדל־ און קרעדיט־טעטיקייט, אויף וועלכער מיר וועלן זיך אָבער דאָ נישט אָפּשטעלן.

ווען מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון אַז משהס השפּעה האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן די וואַרשעווער מיעשטשאַנעס אויפן געביט פון מסחר און קרעדיט, איז נישט קיין חידוש וואָס דאָס וואַרשע־ווער בירגערטום האָט געטראַכט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דעם שארית־הפליטה. אין יאָר 1529 אָרדענען איין די בירגער אָן אָנ־פאַל אויף די הייזער אין וועלכע ס׳האָבן געוואוינט משה מיט זיין משפחה. בראש פונעם אָנפאַל שטעלט זיך דער וואַרשעווער ראַט־מאַן יאַן — נישט אומזיסט גערופן ווילטשעק — וועלכער נעמט זיך צוהילף דעם וואַרשעווער מיעשטשאַן יאַן פּאַלטראַק (78).

(75) Regestrum pro exarcione etc. (פאַגינירט) (Arch. Skarb. Dział staropolski, ks. № 42, a. 1527: "Item Judeo Theloneatori Varschawiensi ad litteras M. Regie Notarius Belzky fecit gratiam iudeo Et fiat(?) sexagenas 10 dimisit arende thelonei contrakti".

(76) וו. ל. ג. א., נומ׳ 16, ז׳ 105, 131, יי 1529.

(77) "Et res impignoratas asseruerunt illis fore multas perditas et receptas quas allegauerunt se protunc non posse enumerare et specificare sicut teriti et in memoria ponere(?) perpulsi distracti existentes"..

(78) "Idem preco (recognovit) quod pro hys(!) omnibus rebus et dannis et vilencia inculpaverunt predictos Johannem Wylczek, Johannem aurifabrum et eis artificiis.. qui apud eundem laborat (נישט לעזבאַר) cum eorum complicibus predictis... tamquam principales".



דער אָנפאַל גופא האָט, לויטן עדות־זאָגן פון די וואַרשעווער בירגער יאַן דער מאָלער און יאַן לאָטשיוואָדאַ, געהאַט דעם פאָלגנדיקן פאַרלויף: בעת דער וואַרשעווער ייד משה דער יינגערער האָט זיך געפונען אין זיין דירה צוזאַמען מיט זיין ווייב און אַ גאַסט, איז אויף זיי אָנגעפאַלן די וואַרשעווער יוגנט און געוואָרפן אויף זיי שטיינער. משה, זייענדיק דערשראָקן צוליב דעם פּלוצעמדיקן אָנ־פאַל, האָט זיך באַהאַלטן אין אַ קאַנאַל וואָס פאַראייניקט זיין הויז מיטן הויז פון מאָלער יאַן. אַזוי ווי מען האָט אים אויך דאָרט ווייטער באַוואָרפן מיט שטיינער, האָט ער פונעם דאַך פון יאַנס הויז אַרויסגעריסן אַ פּאָר ברעטער און באַהאַלטן זיך ביי יאַנען. יאַן, דערציילנדיק די גאַנצע מעשה, איז זיך מודה אַז דעמאָלט האָט ער אים אין שפּאַס אַ פרעג געטאָן: פאַר וואָס פאַרטיידיקסטו נישט דיין הויז, מען ראַבעוועט עס דאָך? דערויף האָט אים משה געענטפערט: „איך וויל נישט! הלוואי זאָל איך מציל זיין מיין געזונט און דעם גע־זונט פון מיין ווייב". — אַן ענלעכע דערקלערונג האָט אָפּגעגעבן אויך דער וואַרשעווער בירגערמייסטער יאַן לאָטשיוואָדאַ: משה דער עלטערער, דערשראָקן פון די שטיינער וואָס זענען אויף אים געוואָרפן געוואָרן, האָט זיך באַהאַלטן אין לאָטשיוואָדאַס דירה. „דער ייד — דערציילט דער בירגער־מייסטער — האָט ביי זיך גאָר־נישט געהאַט אחוץ אַן אַלטן פעלץ אַרומגעגאַרטלט מיט אַ לעדער־נעם פּאַסיק".

וואָס פאַראַ פּעולה ס׳האָט געהאַט די אויספאָרשונג וועגן דעם אָנפאַל, איז אומבאַוואוסט.

אינעם יאָר 1532 ענדיקן זיך אַלע ידיעות וועגן די וואַרשע־ווער יידן. משמעות אַז משה איז געשטאָרבן און נאָך זיין טויט האָט זיך די גאַנצע משפחה, לויט די תקנות פונעם פּריווילעג, גע־מוזט אַרויסציען פון וואַרשע. ס׳איז אויך כאַראַקטעריסטיש אַז די וואַרשעווער קוועלן שווייגן אויך וועגן פרעמדע יידן וואָס פלעגן פריער אַזוי אָפט באַזוכן וואַרשע.

אַזוי זעט אויס דער סוף פון דער קליינער יידישער קהילה אין דער מיטלעלטערלעכער וואַרשע.

### דער עפּילאָג פונעם גירוש אין יאָר 1483

דער פּראָצעס צווישן די וואַרשעווער יידן רובין און בעניאַש און דעם וואַרשעווער מיעשטשאַן טעאָפיל וועגן הייזער.

Feria quarta post sancti Martini Confessoris et tni(?) venerandi coram venerabili Andrea Andrea de Jassyenyecz Canonico et Notario Warsch. Curato in Lukowo tamque Comissario per litteras Serenissimi Principis dominis ducis Boleslai ad infrascripto deputato necnone(?) paulo lurk condo(?) Notario et aliis assesoribus protunc sua in Judicio presidentibus Anno dni M.o etc. LXXXVI.

Dum perfidi Judei Rubin de Polthowski et Byenyasch de Czyrsk super circumspectum Theophil Civem W. iudicialiter proposuerunt pro eo quia ipse introligatus est in ipsorum domis quos habent in Warschovia, ipsos ullo. Jure vincendo Extunc ipse Theophil tali respondit domini Ego sum introligatus in ipsorum domos in censibus se retentus a tribus annis super quos Census Jusa Serenissimo Principe domino duce Boleslao habeo quod hicidem produxit lex adverso prefali Judei Rubin et Myenyasch protecti sunt iure ipsorum asserentes se umquam soluere census de domibus sed de personis suis tantum dominus vero canonicus tanquam Commissarius per literas I. P. dni ducis Boleslai speciale ad premissa deputatus cum ceteris assesorbis protunc cum sua venerabile Judaicio presidentibus proposione et responsione diligenter exauditis Juribusque humande(?) productis bene et sufficienter Intellectis ac super hoc feato sufficienti tractata/ ipsos Judeos Rubin et Byenyasch cum de domibus non solverunt censum sed solvenda suis personis a solucione censum retentorum liberos efecit Introligacionemque ipsius Theophil cassavit et mortificavit realiter et cum effectu nollum robur obtinere... (נישט לייענבאַר) extunc si ipsi Judei a domibus suis per spacium unius anni et sex septimarumse absentaverint sic quod ipsorum prefatu domus desertati extuerint aut alium Judeum in eisdem suis domibus non locaverint extunc Censum illius anni per quem talis Judeus est absentatus iuxta ipsorum Jus solvere tenebuntur perfidus Byenyasch ex decreto prefati domini Canonici debet complere Censum retentinum quem non soluit dum de Warschovia capitali residencia se transfulit Circumspecto Theophil in 6 sexagenis sub p. L.

(פון „היסטאָרישע שריפטן", ייוואָ, באַנד 1, 1927)

פּראָפעסאָר ד״ר מאיר באַלאַבאַן

# דער פּרוּוו צו גרינדן די ערשטע העברעיִשע דרוקעריי אין וואַרשע

אין דער צווייטער העלפט פונעם 18טן יאָרהונדערט, ווען דער הסידיזם האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט, זענען אויף די מזרח־קאַנטן פון דער רעפּובליק, אין אַלעקסיניעץ, פּאָריצק, סלאַוואוטע א״א אַנטשטאַנען קלענערע דרוקערייען וועלכע ווירקן אַ געוויסע צייט און גיבן אַרויס פיל הסידישע און אַנדערע ספרים.

אין דער זעלבער צייט איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרואוו צו גרינדן אַ דרוקעריי אין וואַרשע. נאָך פון די צייטן פון די מאַזאָוויעצקער פירשטן האָט וואַרשע געהאַט די פּריווילעגיע אַז יידן איז נישט דערלויבט געווען דאָרט צו וואוינען. די וואַרשעווער שטאָטישע בירגער (מיעשטשאַנעס) האָבן שטאַרק אָפּגעהיט זייער פּריווילעגיע, און נאָר בשעת די סיימען — ווען עס זענען אָנגעפאָרן פיל פון דער שליאַכטע און פרעמדע סוחרים — איז אויך פאַר יידן געווען דערלויבט צו קומען און האַנדלען אין דער הויפּטשטאָט. נאָכן געענדיקטן סיים האָט דער טרומייטער פון מאַרשאַלעק אַרויסגערופן די יידן פון שטאָט. אָבער די יידן האָבן שטענדיק געפונען אַן עצה אַרומצוגיין דעם פאַרבאָט, און הינטער די ראָגאַטקעס פון שטאָט — ביי דער פּראָטעקציע פון די אייגנטימער פון די הינטערשטעטישע „יורידיקעס״ — האָבן זיי געגרינדעט דאָס נייע ירושלים (נאָוואָ יעראָזאָלימאַ) און ניי־פּאָטאָק, און דאָ האָבן זיי געפירט דעם האַנדל אין דער צייט צווישן איין סיים און דעם אַנדערן. אָבער די וואַרשעווער „מיעשטשאַנעס״ האָבן נישט געוואָלט פאַרטראָגן די געפערלעכע קאָנקורענץ און זיך באַמיט אַרויסצוזעצן די יידן אויך פון די הינטערשטעטישע ישובים. זיי איז דאָס געלונגען אין יאָר 1776, און דאַן האָט מען אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון די פאָרשטעט און זייערע קראָמען גלייכגעמאַכט מיט דער ערד.

אין יענער צייט פון דער „יידישער צעשטערונג״ האָט זיך אָנגעהויבן די באַמיאונג צו גרינדן אַ יידישע דרוקעריי אין וואַרשע. דער האַנדלס־קאָמיסאַר פונעם קעניגלעכן הויף און דער ליווערענט פון דער קייזערלעכער מאָנעטן־פּאַלאַטע, לייזער איזאַקאָוויטש (בן יצחק) פון קראָטאָשין באַקומט פון סטאַניסלאַוו אויגוסט אַ פּריווילעגיע צו עפענען אַ העברעאישע דרוקעריי „אין זיין ירושה־אָרט גאָלאָנדזינאָוו אין פּראַגע ביי וואַרשע״. דאָס איז געווען דערפאַר ווייל דער קעניג האָט איינגעזען „אַז די יידישע דרוקערייען זענען אַרונטערגעקומען״ און אַז באַדייטנדיקע סומעס „גייען אַרויס יעדעס יאָר פון לאַנד קיין אויסלאַנד, צו ברענגען יידישע ביכער, סיי צו זייערע תפילות, סיי לוחות און אַנדערע, און היות ווי יידן אין קרוין־פּוילן און אין ליטע זענען נישט קיין ׳קליינער טייל פון די איינוואוינער, און דורכן געברויך פון ביכער, וואָס געהערן צו זייער געבעט אין די געבעטהייזער, שילן און פּריוואַטע הייזער... זענען זיי געצוואונגען אין אויסלאַנד צו קויפן.״

דער קעניג גיט איבער די מאַכט און השגחה אויף דער דאָזיקער דרוקעריי, דאָס רעכט צו ברענגען מענטשן, מאַשינען און מאַטעריאַלן, דעם זעלבן לייזער איזאַקאָוויטש און זיין איידעם יאָנאַס (יונה) יאַקובאָוויטש, און דערמיט „ווערן אָפּגעשאַפט די פּריווילעגיעס וואָס זענען דורך אים אָדער זיינע פאָרגענגער אַרויסגעגעבן געוואָרן אַלע אַנדערע יידישע דרוקערייען״. די צוויי דערמאָנטע „פּריווילעגירטע״ איז אויך דערלויבט צו ברענגען פון אויסלאַנד „תלמודישע ספרים״ אויף אַזאַ אופן: „קודם כל זאָל ער אין יעדער שטאָט און שטעטל פון קרוין־פּוילן און ליטע פונאַנדערטיילן פריער צו איין באַנד פונעם דערמאָנטע ש״ס אויף פּרענומעראַטן, ד״ה אָפּנעמענדיק פאָרויס אַ העלפט פון דעם. וואָס אַלע עקזעמפּליאַרן פון תלמוד וועלן קאָסטן, און די צווייטע העלפט דאַן ווען דער גאַנצער תלמוד, וועלכער באַשטייט פון 12 בענדער, וועט צוגעשטעלט ווערן. צווייטנס: אַז אין גרעסערע שטעט זאָלן זיי אויספאַרקויפן די גרעסערע ש״סן... און אין די קליינע שטעט — די קלענערע ש״סן און דערביי נאָר צו איין עקזעמפּליאַר... דריטנס: אַז די שילן און פּריוואַטע מענטשן, וועלכע וועלן געבן געלט אויף דעם דאָזיקן תלמוד, זאָלן זיין זיכער אַז פאַר זייער געלט וועלן זיי באַשטימט באַקומען דאָס גאַנצע ווערק פון תלמוד, און דעריבער גיבן מיר צו די אויבן דערמאָנטע לייזער און יונה, אַלס גענעראַל־קאַסיר דעם באַרימטן אַדאַם זימאַן, אַ סוחר פון דער אַלטשטאָט וואַרשע. ביי זיינע אָנגעשטעלטע דאַרף זיך געפינען די קאַסע פון הכנסה און הוצאה, און אין זיין נאָמען וועלן די דאָזיקע אָנגעשטעלטע אַרויסגעבן אַ קוויט איטלעכער שטאָט אויף דעם באַקומענעם אַבאָנאַמענט־געלט און וועלן איר ערוב זיין. אַז דער גאַנצער תלמוד וועט באַשטימט צוגעשטעלט ווערן״...

האָבנדיק אין טאַש די קעניגלעכע פּריווילעגיע האָט לייזער קראָטאָשינער אָנגעהויבן זוכן שותפים. הגם ער איז געווען אַ קאָמיסאַנט אין ברעסלע אין משך פון 25 יאָר, האָט ער נישט געמאַכט קיין פאַרמעגן, און די אויסלענדישע בוכהענדלער אין אַמסטערדאַם, פראַנקפורט אאַ״וו האָבן געזוכט אַ מער זיכערן קונה ווי לייזער. ער האָט אַלזאָ אָנגעהויבן צו באַנוצן דעם גוט באַקאַנטן אַפּאַראַט פון באַקאַנטמאַכונגען אויף יארידן און מערק און האָט זיי צוגעגעבן „אַ פּונקט אויף שותפות, ווער עס וואָלט וועלן צוטרעטן צו אַ פּריווילעגיע, אַרויסגעגעבן אויף אַ דרוקעריי״, ווייל אָבער עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דרוקן און פאַרשפּרייטן רעליגיעזע ספרים, האָט ער זיך באַמיט און באַקומען פון דריי דעמאָלט באַוואוסטע דיינים הסכמות, וועלכע ער האָט אויך געהייסן אויסרופן אין די שילן, בשעת די יארידן אין יאַראָסלאַוו, לובלין, קראָקע אאַ״וו.

די דאָזיקע הסכמה פון די רבנים — אַ מין מאָראַל־צייגעניש פאַרן „פּריווילעגירטן״ — איז געווען געשריבן אויף לשון־קודש און איז אין דער זעלבער שפּראַך באַקאַנט געמאַכט געוואָרן צווישן יידן, אָבער צו די קאָנצעסיע־אַקטן איז ביי געלייגט געוואָרן אַ פּוילישע איבערזעצונג וועלכע איז זייער כאַראַקטעריסטיש און אינטערעסאַנט. דאָרט ווערט געזאָגט:

„צו אַלער ערשט גיבן מיר אַ לויב אַזוי דעם דורכלויכטיקסטן קעניג אויף דר׳ערד געזען, ווי דעם אַלער העכסטן קעניג אויפן הימל, לויט אונדזער אמונה! הערט יידן, און קוקט זיך צו. היינטיקן טאָג האָבן אונדזערע אויגן געזען וואונדער וואָס גאָטס חסד האָט אונדז באַוויזן צו אונדזער גוטס, אַז זיין האַנט נייגט זיך צו אונדז שטענדיק, ווי באַשטימט פונעם רבונו של עולם. הגם מיר וועלן זיין אין קנעכטשאַפט, וועט ער דאָך אַריינגעבן אין הארץ פונעם מלך, מיר זאָלן האָבן פון אים חסדים, ווי מיר זעען איצט די גנעדיקע האַנט פונעם דורכלויכטיקסטן קעניג פון גאַנץ קרוין־פּוילן און ליטע, דעם פעסטן, באַרעמהאַרציקן, זיין שטול זאָל דערהויבן ווערן איבער אַלעמען און זאָל לייכטן ווי די זון לעולם ועד, אַזוי אַז זיין באַפעל זאָל זיין איבער אַלע גלויבנס, און די פיינד זאָלן פאַלן פאַר זיינע פיס, עס זאָל זיין פרידן פאַר זיין קעניגרייך, און זיינע קינדער זאָלן אויך האָבן די מלוכה מיט די נעהיימע מיניסטאָרן, זיין ליבער נאָמען זאָל אים געבן רחמנות אויף אונדז יידן, און מיר אַלע אונטער זיינע פליגלען, מיר זאָלן זיין אין פרידן, און אַלץ, וואָס גאָט וועט אַריינגעבן אין זיין האַרצן, זאָל דערפילט ווערן אָן שום ענדערונג, אין דער געגעבענער פּריווילעגיע פונעם דורכלויכטיקסטן קעניג אויפצושטעלן אַ יידישע דרוקעריי, כדי צו דרוקן לוחות, תלמוד

און פאַרשידענע אַנדערע ספרים, וואָס קומען צו יעדעס יאָר אין אונדזערע למודים וועלכע זענען פריער געדרוקט געוואָרן אין קראָ־קע, אין לובלין, נאָר צוליב די שווערע צייטן, חרוב געוואָרענע, גלייך ווי זיי וואָלטן קיין מאָל נישט געווען און קיין צייכן פון זיי איז נישט געבליבן נאָר מען באַדאַרף זוכן אין פרעמדע לענדער און פאַר אונדזער געלט דאָרט דרוקן. און איצט האָבן מיר געזען, נישט בלויז געהערט, די פּריווילעגיע פונעם דורכלויכטיקסטן קע־ניג, אונדזער גנעדיקסטן האַר, אין די הענט פונעם געטרייען אליעזר יצחק, וועלכער האָט דורך 25 יאָר אויך געהאַט אַ פּריווי־לעגיע פון זיין קעניגלעכער מאַיעסטעט צו זיין דער קאָמיסאַנט אויף אַלע סחורות אין ברעסלע; אויף וואָס ער האָט דאָקומענטן פון אַלע פּוילישע סוחרים, גאָט זאָל אים אָפּהיטן אויך צו דער דאָזיקער טע־טיקייט. די דרוקעריי וואָס איז פאַרשפּראָכן געוואָרן אויף גאָ־לאָנדזינאָוו, באַשטימט אויף די יעניקע מקומות וועלכע מען קאָן מיט דאָקומענטן און ערלעך אויסווייזן, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער פּריווילעגיע. דערויף באַדאַרפן מיר געבן אַ שבח צו גאָט, וואָס ער האָט געגנויגט דאָס האַרץ פון דורכלויכטיקסטן מלך אונדזער גנע־דיקן האַר, און אונדזערע ספרים צו אומקערן, באַנייען האָט ער

## איינע פון די ערשטע העברעישע אויסגאַבעס אין וואַרשע


להודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר

In Typographia Privilegiata Petri Zawadzki
Varsoviae 1798 anno

**דאָס שער־בלאַט פון „אור חדש“, אַ פירוש אויף דער מגילה, פון ר׳ יהודה ליוואי (דער מהר״ל פון פּראג), אַרויס אין וואַרשע אין 1798, גע־דרוקט אין אַ קריסטלעכער דרוקעריי, איינס פון די ערשטע ספרים וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין וואַרשע. דאָס ספר געפינט זיך אין דער ניו־יאָרקער ייוואָ־ביבליאָטעק.**

באַוויליקט דורך זיין גנעדיקן באַפעל, און מיר, די אונטערגעשריי־בענע, באַשטעטיקן מיר לויט אונדזער דת און מיט אַ שבועה אַז קיינער זאָל זיך נישט אונטערשטעלן צו דרוקן ספרים אויף זייער נאָמען, אַז קיינער זאָל אים נישט שטערן אין דעם וואָס ער זאָל דרוקן ... זייער דרוקעריי וועט אויסווירקן אַז עס זאָלן נישט קו־מען קיין פרעמדע מענטשן פון אויסלאַנד, צו טון זיי אַן אומ־רעכט . . . נעמענדיק דאָס אין אַכט, ווי עס האָבן גענומען אויך אונדזערע אבות אבותינו די רבנים אַרויפלייגנדיק אַ קללה אויף די וואָס שטערן איינע די אַנדערע, לייגן מיר אויך אַרויף אַ חרם אויף אַזעלכע מענטשן, וואָס שטערן אויפצושטעלן אַ דרוקעריי פון יידישע ספרים אויף 10 יאָר. דערויף גיבן מיר אַ לויב און אַ שבועה און אַ ברכה אַז די מלוכה זאָל וואַקסן און לייכטן ווי די העלסטע שטערן אין הימל, און אַן עצה דעם, וואָס ער וועט אויסטראַכטן, אַז גאָט דער האַר זאָל העלפן אַלץ צום גוטן דעם דורכלויכטיקסטן קע־ניג, אַז זיין שטול זאָל דערהויבן ווערן, ווי דער אויפגאַנג פון דער זון.

העשיל, רב אין ריטשעוואָל
יפה (יאַפּעט), רב אין נאָוועמיאַסטאָ
לוי (לעוועק), רב פון זשערעבקי“.


הצפירה
HAZEFIRAH
מכתב עתי משמיע חדשות
בקרב עם ישרון, מכל הדברים הנעשים בעניני המדינות
דברי חכמה ומדע, ידיעות העולם והטבע.
דברי הימים

דער ערשטער נומער „הצפירה“ געדרוקט אין וואַרשע

נישט פיל האָבן געהאָלפן די הסכמות פון די רבנים און די פאַרעפנטלעכונגען פון די פונקטן אין דער פּריווילעגיע אויף די ירידן און אין די שילן. קיין שותף האָט זיך נישט געפונען. ווי עס שיינט, האָט די צעשטערונג פון „נאָוואַ יעראָזאָלימאַ“ און „נאָווי פּאָטאָק“ אָפּגעשראָקן די קאַפּיטאַליסטן אַריינצולייגן געלט אין אַזאַ נישט־זיכערער אונטערנעמונג. דער „פּריווילעגירטער“ טרייער לייזער קראָטאָשינער האָט זיך געוואָרפן און געזוכט פאַרשידענע מיטלען און איינפאַלן, אָבער אומזיסט. גאַנצע דריי יאָר נאָכן באַקומען די פּריווילעגיע איז ער נאָך אַלץ נישט צוגעטראָטן צום עסק, נאָר געזוכט אַ שותף און צוגלייך די פּראָטעקציע פון פאַרשידענע שררות, כדי צו באַקומען אַ צוטריט צום קעניגלעכן הויף. די גע־פּלאַנטע דרוקעריי איז נישט געגרינדעט געוואָרן און די קעניג־לעכע פּריווילעגיע איז געבליבן אַ טויטער בוכשטאַב, אַן אַקט פאַרן אַרכיוו, אַ צייגעניש פון אַ גוטן רצון, ווי עס זענען געווען פיל אין יענער צייט אין פּוילן נאָך דער ערשטער צעטיילונג.

ערשט נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פּוילן, און נאָך דעם ווי וואַרשע איז פאַרנומען געוואָרן דורך די פּרייסן, הייבט אָן דאָרט דרוקן העברעאישע ספרים פּיאָטר זאַוואַדזקי, און נאָך זיין גיכן טויט — זיין אַלמנה מאַדאַם זאַוואַדזקאַ (1800).

(אַרויסגענומען פון דער יובילײ־אויסגאַבע פון „מאָמענט“ 1921)

נחום סאקאלאוו

# אלט ווארשע

פראגע! ערב ווארשע! א ריח פון פראווינץ, מיט ווייטע פעלדער ארום און ארום, א סך מאל חרוב געווארן דורך מלחמות און שריפות, און צוריק אויפגעבויט. סימנים פון אקאפעס, א שלאכטפעלד און אן אקסן־מארק, צו גרויס פאר א פארשטאט און צו קליין פאר אן אייגענעם אפגעזונדערטן גוף. א טויער קיין ווארשע, אבער פאר אונדז יידן אן עלטערע קהילה, זיך צוזאמענגעקוועטשט, — דארט וואו די אלטע שול האט זיך באהאלטן און דער אלטער בית־עולם האט זיך פארגראבן — מיט גרויסע קראמען און קליינע־קליינטשיקע געוועלבעלעך, און וואו מען האט געהאט „פראווא" צו וואוינען ווען מען האט נאך נישט געהאט קיין „פראווא" אין ווארשע גופא, חוץ מיט פריווילעגיעס, און אויף ירידים, און נאר אין געוויסע גאסן, ווי למשל אין דויטץ ביי קעלן, און נאך א סך פארשטעט ביי גרויסע שטעט, א שטייגער ווי: התקן עצמך בפרוזדור. כדי שתכנס לטרקלין. געווארט דאס ביסל יידן אין קארידאר, און דערווייל דארט געכאפט קלעפ...

און פארסטו פון ווארשע קיין סראצק, נאשעלסק, פולטוסק, ווי איך פלעג צו פארן מיט א בעל־עגלה איבער דער אלטער בריק, איבער פראגע געברוקעוועט מיט אלטע שטיינער, און טרייסלענדיק די געדערים, און וועט דאס ביידל בלייבן שטיין א וויילע ביי א גרויסן זאיאזד מיט שפייכלערס, מיט א ברייטער קרעטשמע, מיט געמויערטע אלטע האלב־דארפישע האלב־שטעטישע כאלופעס, אין וועלכע עס וואוינען האלבע פויערים אין קאפעלושן, שוין געכאפט אין ווארשע, און וואו מיין אלטער פריינד לייבקע דער קאוואל פלעגט זיצן דרויסן פאר דער שמידעריי און קאוועו חנהם „לייבן" און די פונקען האבן געשפריצט אויף דער שטענדיקער בלאטע, און ארום זענען געשטאנען די קליינע יאנעקס און מארישעס מיט די פלאקסענע האר — ביסטו אין שמולעוויזנע!

אויב די ביסט כאטש א שטיקל ווארשעווער, וועסטו דאך וויסן וואס דאס באדייט שמולעוויזנע. א חוץ שמולעוויזנע איז פאראן נאך אן ארט אין ווארשע גופא, וואס האט א שייכות צו ר' שמואל זביטקעווערס קינדער: דער גארטן באגאטעלא צווישן די לאזשענקעס און דער מאקאטאווער ראגאטקע. דער דאזיקער גארטן איז געווען א טייל פון א מאיאנטעק מיט א שיינעם הויף און האט געהערט — א־רום סוף 18טן יארהונדערט — צו ר' בערל ר' שמואלס. דער נאמען „באגאטעלא" זאל שטאמען פון אן אויסדרוק וואס טעמערל זאל האבן באנוצט. א מאל זאל סטאניסלאוו אויגוסט פאניאטאווסקי, דער לעצטער פוילישער קעניג, האבן געמאכט א באזוך אין דעם מאיאנטעק — מיט זיין סוויטע — און טעמערל האט אים דארט אויפגענומען מיט גרויס פאראד. דער גארטן מיטן טייך אין דעם וועלדל האבן געמאכט א שטארקן איינדרוק אויף די באזוכער. טעמערל, באמערקנדיק אז דעם קעניג איז דאס פאלוואַרק אזוי געפעלן, האט געגעבן אן אנצוהערעניש אז זי וואלט דאס געהאלטן פאר א גרויסער זכיה דעם קעניג אנצובאטן די דאזיקע „פאשיאדלאשטש". דערויף האט דער קעניג געענטפערט: ניין! דאס איז א צו טייערע מתנה! אויף דעם זאל טעמערל האבן געענטפערט: קעניגלעכע מאיעסטעט! דאס איז א באגאטעלא! פון דעמאלט אן — אזוי ווערט דערציילט — הייסט יענער גארטן: באגאטעלא. איך האב דעם אנעקדאט אפט געהערט פון מיין פריינד שמואל בערגסאן. אויב עס איז פאראן א היסטארישער קערן אין דער דערציילונג, מוז זיך דאס באציען צו ר' בערלס און טעמערלס פריער יוגנט.

שמולעוויזנע האט געהערט צו ר' שמואל זביטקעווער, **ר' יעקבס א זון. דערפאר האט מען אים גערופן יאקובאוויטש — געקומען פון** זביטקעוו קיין פראגע, געהאנדלט מיט צעלניק, מיט שניט־סחורה, דערנאך געווארן א תבואה־הענדלער, געלאדן קארן אויף דער ווייסל קיין דאנציק, באַרייכערט זיך אליין און די שכנים, געקויפט וועלדער, אויפגעשטעלט טארטאקעס, טראנספארטירט האלץ אויף טראטוועס, געבויט הייזער, געקויפט מאיאנטקעס, באשעפטיקט א מאסע מענטשן — א מין מאיר אנשל ראטשילד — אין פראגע. ער האט אויך געהאט „זיין" ווילהעלם דעם ניינטן, לאנדגראף פון „העססען־קאססעל". דאס איז געווען פרידריך ווילהעלם, קעניג פון פרייסן, וואס האט אים געגעבן א „פריווילעגיע צו וואוינען אין ווארשע, אין דרום־פרייסן, אין שלעזיע און נאך אנדערע מקומות", מן הסתם צוליב געשעפטן, וואו פרייסן האט אויך אפגעלעקט א ביינדל. אין אויסלאנד האט מען אזא מין יחוס גערופן „האף־יודע", „האף־באנקיר" — אין פוילן, בפרט אין יענעם דור, האט דאס געהייסן פשוט א פריווילעגיע. ר' שמואל, א ייד מיט בארד און פאות, אין א זיידענער יופעצע מיט א גארטל, שטארק פארנומען מיט געשעפטן און מיט קהילה־זאכן אין פראגע, פיל יידן געגעבן פרנסה, א כל־ולך ביי דער מלוכה, וואס האט זיך דעמאלט געענדערט, א ביסל אריינגעוויקלט אין דער נעץ פון יענע היסטארישע דראמעס,


ר' שמואל זביטקעווער
און זיין ווייב יהודית

האט זיך באנוגנט דערמיט וואס יידן האבן אים ליב געהאט. „גבאים זענען געווען סארווערס אויף זיינע שבחות" — האב איך אלס קינד געהערט פון מיין זיידנס א תלמיד, ר' אברהמל אין פראגע.

פון דעסט וועגן וואלטן מיר אזוי געוואוסט פון א ר' שמואל זביטקעווער, ווי מיר ווייסן פון אנדערע טויזנטער גבירים וואס האבן געהאט פריווילעגיעס, דאס הייסט מיר וואלטן אפילו דעם נאמען נישט געוואוסט. אויב מיר ווייסן על כל פנים עפעס פון דעם דאזיקן ר' שמואל, איז דאס מכוח דער באקאנטער לעגענדע, וואס יעדעס יידיש קינד אין ווארשע ווייס, וועגן די צוויי פעסלעך גאלד וואס ר' שמואל האט ארויסגעשטעלט אין זיין הויף אין פראגע, אין יאר 1794, בשעת סואוואראוו האט איינגענומען די שטאט: א דוקאט פאר א לעבעדיקן יידן, א רובל פאר א בר־מינן, און די קאזאקן האבן גענומען ברענגען סחורה — באלד געבליבן צוויי ליידיקע פעסלעך.

א לעגענדע? וואס איז פדיון־שבוים? וואס איז מת־מצוה? נישט פעסלעך גאלד — דעם לעצטן טראפן בלוט האבן זיך יידן אויסגעפרעסט צו ראטעווען א ברודער פון א גזירה, צו ברענגען א יידישן בר־מינן לקבר־ישראל! א געוויינלעכע זאך! **פאניע האט פארכאפט**

פראַגע! אַ הוראַגאַן פון רציחות! די קאָזאַצקע נאַגייקעס האָבן זיך צעבושעוועט, יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, די משוגענע בעסטיע האָט מען געקענט איינשטילן נאָר מיט איין מיטל — האָט ר׳ שמואל מפקיר געווען זיין גאָלד און מציל געווען אַ היפּש ביסל יידן. אויף וואָס זענען דען יידן יידן? אַנדערש וואָלטן מיר נישט ווערט געווען אַז די ערד זאָל אונדז טראָגן.

פאַראַן אַ מין מאַיעסטעט, וואָס ווען זי באַווייזט זיך, ווערט דער עולם רואיק. איר נאָמען איז: גוטסקייט. אָפּט מאָל, אַרומקוקנדיק זיך אין נאַציאָנאַלער אָדער כלל־מענטשלעכער האָרעוואַניע און אין די גרויסע אויפטוען, האָבן מיר פיל התפּעלות, און גרויס כבוד פילן מיר. אָבער פון ערגעץ וואו פאַלט אויף אונדזער געפיל אַ שאָטן פון אומרואיקייט און דערוואַרטונג. מיר וואַרטן אויף נאָך עפּעס, ווי דאָס פּובליקום אין אַ טעאַטער וואָס איז געקומען צוליב דעם עיקר — קונסט, — אָבער מען ווייזט אים אַנדערע זאַכן, אויך נישקשה, אָבער נישט דאָס. עס פאַרלאַנגט דעם קלו! אַ גאַלעריע — ווידער אַ פּעאיקער מענטש, אַ טאַלאַנט, אַ גרעסערער, אַ קלענערער, אַ זשעניע, אַזאַ מין, אַן אַנדער מין — אַלץ זייער שיין, אָבער דאָס בילד ווערט ערשט אמת ליכטיק, וואַרעם און האַרציק ווען עס באַווייזט זיך, למשל, אַ ר׳ נחומקע גראָדנער, וואָס גייט ביי נאַכט מיט דער לאַמטער אין אַ קנאַקעדיקן פראָסט, נאָך אַ תענית, און פאַלט האַלב־חלשות, געפּאַטשט פון דעם שניישטורעם, און טראָגט


ר׳ בער שמולעוויטש־זאָנענבערג,
זון פון ר׳ שמואל זביטקעווער

אַן אויסגעבעטלטע נדבה פאַר אַן אָרעמען חולה — און נאָך אַזעלכע ר׳ נחומקעס ווערט אונדז לייכטער אויפן האַרץ: אָט, דאָס האָט נאָך געפעלט, און ווען דאָס באַווייזט זיך, זענען מיר רואיק.

אַזוי גייט די אמתע יידישע ירושה. ר׳ בער ר׳ שמואלס, באַקאַנט אַלס בערעק, איז שוין מער וואַרשע ווי פּראַגע, געב׳ 1764 — ביי דער פּראַגער שחיטה איז ער שוין אַ דרייסיקיעריקער — דעם טאַטנס ירושה פאַרגרעסערט, אַ גרויסער גביר מיט געשעפטן, אויך געזעסן און געלערנט. 1810 קריגט ער אַ פּריווילעגיע פון נאַמיעסטניק גענעראַל זאַיאָנטשעק אומעטום צו וואוינען, צו טראָגן יידישע קליידער, און נישט געצוואונגען זיך צו ראַזירן. זאַיאָנטשעק, אַן אַלטער גענעראַל פון קאָשציושקאָס צייט, שפּעטער פון דער נאַפּאָלעאָנישער אַרמיי, שוין אַ ביסל נחמין מיט אויסלענדישער פרייהייטס־אַפּיקורסות, אַ פריינד פון דער בערעק־פאַמיליע, איז גרייט אַלץ צו דערלויבן, אָבער ער מוז די זאַך פאַרשטעלן דעם קייזער אַליין — אַ קלייניקייט אַזאַ פּריווילעגיע! — און אַלעקסאַנדער דער ערשטער באַגרענעצט די פּריווילעגיע דורך אַ בפירושן באַדינג אַז נאָר בערעק אַליין, און נאָך אים נאָר זיין עלטסטער זון, זאָל ווערן אַזוי נעלייטזעליקט.

אַ וואַזשנער ייד געווען, מיט לייב און לעבן, געגעבן ספרי־תורות אין אַלע שילן אריין, כל ימו חתן־תורה. אַ גרויסער דעה ביי קהל, דאָך וואָלט קיין האָן נישט נאָך אים געקרייט. קנאַפּ האָבן מיר געהאַט שיינע יידן, גבירים, אָנגעזאַפּט מיט תורה! בערעק וואָלט געווען אַ פאַרגעסענער ווען נישט זיין ווייב טעמערל. טעמערל! אויב דו ביסט כאָטש אַ שטיקל וואַרשעווער, קענסטו דאָך דאָס שפּריכווערטל: „טעמערל איז רייכער געווען!“.

די שיינהייט פון אַ בלום, די צניעות פון אַ טויב, אַ נשמה מיט גאָלדענע פליגלען, און פרוכטבאַר ווי אין אַן איילבירט. דריי זין: יעקב, מיכאל, לייב (לעאָפּאָלד) — דאַכט זיך נאָך אַ פערטער, אָבער איך געדענק נישט זיין נאָמען — און אַ בת־יחידה: פּערל־מירל. טעמערל איז אַ מין מאַמע רחל אין דער וואַרשעווער יידישער לעגענדע. מען רעדט ווייניק פון בערעקן: בערעק איז געווען טעמערלס מאַן.

דאָס אַליין איז גענוג. איבערגעלאָזט פינף מיליאָן גולדן, ס׳רוב אויף צדקה אאַ״וו.

דאָס אַליין זע איך פאַר מיר, ווי היינט, אָבער נאָך קלאָרער זע איך די פאַרזעצונג. פון דאַנען אָן בין איך שוין אין גאַנצן אין דער היים. חברים אַלטע וואַרשעווער! ווער פון אייך האָט נישט געקענט פּערל־מירל, טעמערלס טאָכטער? ווער האָט זי נישט אַ מאָל געטראָפן אַרום נאַוואָליפּקי, דזשעלנע, פּאַוויע, דזשיקע, ווען זי פלעגט גיין צו באַזוך צו דער פאַרשטאָרבענער מאַריאַ בלומבערג,


טעמערל, פרוי פון בער שמולעוויטש־זאָנענבערג,
די פּראָטעקטאָרין פון חסידות

צו מאַדאַם שרה סלאָנימסקי, אָדער צו אונדז, ווען די „הצפירה“ איז נאָך געווען אַ וואָכנבלאַט אויף דזשיקע? אָרעם — און פון אַלע יענע מיליאָנען און אייביקע פאָנדן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם!! — אָבער ווי אַ קעניגין אַלמנה אין איר האָרבאַנד מיט די טונקלבלויע סטענגעס, אין דעם טערקישן שאַל ווי אַן אַנטיקער גאָבעלין. אַ גאַנג ווי אין אַ פייערלעכער פּראָצעסיע, אָבער גאַנץ נאַטירלעך. אַ יאָרהונדערט איז זיך געגאַנגען פון נאַוואָליפּקי איבער דזשיקע, אַ יאָרהונדערט פון אַלטן חן, פון טואַלעטן־שיינהייט און פון חכמה. אי־ האָט זי געזאָלט הערן רעדן יידיש! איר וואָלט פאַרהאַלטן דעם אָטעם, נישט צו פאַרלירן אַ האַלב וואָרט. נאָר צוויי מענטשן האָבן אַזוי גערעדט יידיש: פּערל־מירל און מיין באָבע יוטאַ עליה השלום פון פּלאָצק. דערציילן האָט זי געקאָנט! פון דער ערשטער פּאָווסטאַניע, פון קאָנסטאַנטין, פון פּאַסקעוויטש, פון 1864, פון ר׳ בעריש מייזעלס, פון מאַטיאַס ראָזען, פון קראַשעווסקי אַלס רעדאַקטאָר ביי דער „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ“ און ביי קראָנענבערגן. דאָס זענען געווען מענטשן מיט אַ גורל, מיט וואונדערלעכע טראַדיציעס. זיי האָבן זיך געפילט ווי יורשים פון יענע העלדן פון וועלכע זיי האָבן דערציילט. צוהערנדיק זיך צו אירע ווערטער, האָב איך געמוזט די אויגן אַראָפּלאָזן, געצוואונגען פון אַן אינערלעכן ערע־געפיל. אָט, דאָס איז געווען אמת־יידיש, אָט דאָס איז געווען אַן אמתע „מירעלע אפרת“, נישט אויף דער סצענע, נאָר אין לעבן, אין אמת.

איר ערשטער מאַן איז געווען אַ יחסן און אַ גרויסער למדן, ר׳ ישכר הורוויץ. דער פאָטער פון אונדזער ישכר בעריש הלוי איש הורוויץ. ישכר בעריש פאַרנעמט אַ פּלאַץ צווישן די אַלטע משכילים און די שטרענגע מדקדקים, מליצים און פּאָעטן. איר האָט אים אַלע געקענט — אַ וואונדערלעכע קאָמבינאַציע: בערעקס אַן איניקל, פּוילן שבפּוילן, און אַליין אַ ליטוואַק, אַ גראָדנער, פון אַ מיליאָנערישער פאַמיליע און כמעט גאַנץ אָרעם. אַ מאָל אַ מענטש מיט געשעפטן, אָבער כל ימיו אַ פּאָעט, פלעגט באַזינגען דעם „המגיד”, און האָט אויך געשריבן אויסגעצייכנטע ריין העברעיִשע איבערזעצונגען און גוטע אַפאָריזמען אין סטיל פון אדם הכהן און שטיינבערג. פיל יאָרן איז ער ביי מיר געווען אַ בן־בית. אויף דער עלטער האָט ער נישט ווייניק געליטן. זיין גרעסטע דאגה, וואָס האָט אים מקצר־ימים געווען, איז געווען ווען חברה האָט אָנגעהויבן שרייבן העברעיִש פריי. נישט ווילנדיק האָב איך אים נעבעך גורם געווען דעם גרעסטן שברות־הלב, ווען איך האָב אַליין אָנגעהויבן צו מאָדערניזירן דעם אַקאַדעמישן מליצה־סטיל. פריער איז ער געווען איינער פון מיינע פייערדיקסטע חסידים. דער נייער קורס האָט אונדז אַ ביסל דערווייטערט. אַ ביסל, ווייל אין תוך אַריין זענען מיר געבליבן ידידים, און איך דערמאָן אים מיט כבוד און ליבשאַפט. פיל, פיל איז צו שרייבן איבער ישכר בעריש הלוי איש הורוויץ. דאָ ברענג איך אים נאָר אַלס אַ בערגסאָן, פון דער מוטערס צד — אַ מערקווירדיקער גלגול פון ר׳ שמואלן.

דער נאָמען בערגסאָן, ריכטיקער בערעקסאָן, האָט זיך אָנגעהויבן נאָך ר׳ בער ר׳ שמואלס. איך האָב פריער דערמאָנט ר׳ בערס זין: יעקב, לעאָפּאָלד און מיכאל. פון יעקבן און לעאָפּאָלדן האָב איך געהערט פיל מעשיות — די בעסטע פון פּערל־מירל, מער ליטעראַריש אָבער ווייניקער אָריגינעל פון ישכר בעריש. יעקב איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה, אַ בר־אורן, אַ שטילער באַהאַלטענער מענטש — מיכאלן האָב איך געקענט (פאַרשטייט זיך אַז איך מיין נישט מיכאלן דעם פּרעזידענט פון זאַזשאַנד גמיני, וועלכן מיר אַלע האָבן געקענט) ווען ער איז געווען אַ בן־שמונים. ער איז אַ גאַנצע חילכתא פאַר זיך. געבוירן אין 1818 אין וואַרשע. 1825 האָבן אַלע ברידער געקראָגן אַ פּריווילעגיע „צו וואוינען וואו זיי ווילן און זיך צו קליידן ווי יידן”. מיכאל איז אַלזאָ אין זיין פריער יוגנט, אויך געגאַנגען אין אַ לאַנגע קאַפּאָטע, אָבער ער איז געוואַקסן אַ מוזיקער! פון דער פּריווילעגיע, פון דער קאַפּאָטע און פון דעם פאַרמעגן איז ער — ווי פּערל־מירל פלעגט זאָגן — אַנטלאָפן צו די כלי־זמרים, און פאַרליבט האָט ער זיך אין יענעם געניאַלן קלעזמער וועלכער האָט געהייסן שאָפּען, אין יענער זיסער פאַרחלומטער מוזיק אין וועלכער די נשמה פון פּוילן זינגט די האַרמאָניעס פון אירע יסורים און אירע האָפענונגען. טעמערלס זון איז געווען אַ פּיאַנער פון יענעם גאונישן זון פון אַ פראַנצויזישן פאָטער און אַ פּוילישער מוטער און וועלכן מוטערס צד האָט גובר געווען. דערצו איז נאָך וואַרשע נישט מסוגל געווען. און אַזוי איז מיכאל בר׳ בער אַרויס קיין אויסלאַנד! אָט דער וואַרשעווער יונגער־מאַן, אַן איניקל פון ר׳ שמואל מיט די צוויי פעסלעך גאָלד און דער רייכער צדיקת טעמערלס אַ זון, פּערל־מירלס אַ לייבלעכער ברודער, אונדזער ישכר בערישעס דעם העברעאישן מליצ׳ס אַ פעטער, איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פּאָפּולאַריזירט שאָפּענען אין אייראָפּע. אַליין אַ פּיאַניסט און אַ קאָמפּאָזיטאָר מיטן טוי פון דער יוגנט אויפן שטערן, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין פראַנקרייך, קיין איטאַליע, בעלגיע, ענגלאַנד מיט שאָפּענס מוזיק פון אַן אַנדערער וועלט, טיף און ווייך, תהילים און פּוילישע האַרפעס, גרינע זאַנגען פון פּוילנס פעלדער, פּאָעזיע פון געפאַנגענע העלדן, בענקעניש פון פּוילישע עמיגראַנטן, בליענדיקע הימנען, מוזיק פון בלומען און פון נשמות, סודות פון שטימונגען. דער זיידע האָט געשאָטן מיט רענדלעך אויסצולייזן די יידן אין פּראַגע, די מאַמע האָט באַקרוינט און באַזיינט די שילן אין וואַרשע, די שוועסטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ גרויסן ליטווישן למדן, איר זון שרייבט שירים מיט אַזוי פיל און אַזוי פיל „יתדות” און „תנועות” — און ער פירט אַריין זביטקעס מיט שאָפּען אין דער וועלטמוזיק. אַרומגערייזט, זיך געפּאָרעט, און זיך דערשפּילט ביז דירעקטאָר פון בריסעלער קאָנסערוואַטאָריום, וואו ער האָט געאַרבעט פיל יאָרן, פון דאָרט קיין פראַנקרייך, איטאַליע, ענגלאַנד, אויסגעצייכנט אַלס ווירטואָז, נאָך פיל מער אַלס קאָמפּאָזיטאָר, געשריבן צוויי גרויסע אָפּערעס („לואיזאַ דע מאָנטור”, „סאַלוואַטאָר ראָזאַ”) אַ מאַסע עטיודן, לידער, הימנען, מאַרשן, זיך באַפריינדעט מיט די גאונים פון דער מו־זיקוועלט אין זיין גאַנצן דור, אויף דער עלטער זיך באַזעצט אין לאָנדאָן — זיין ווייב איז געווען אַן ענגלישע יידישע טאָכטער, ד״ר י. ל. לעווינזאָנס צווייטע טאָכטער, און אַ הויז האָט ער געהאַט אין לאָנדאָן, שעפּערדסבוש — און דאָרט האָב איך מיך באַקאַנט מיט אים אין יאָר 1896.

ער האָט געבענקט נאָך וואַרשע, און האָט געפרעגט ווי עס זעט אויס אויפן מקום און אונטער די פּיליאַרן און פאַרן אייזערנעם טויער און אויפן שילעץ. פּויליש האָט ער גערעדט אין אַ הויכן סטיל, אָבער מיט גראַמאַטיקאַלישע פעלערן און מיט אַ פראַנצויזישן אַקצענט, אַ ביסל יידיש מיט אַ וואַרשעווער „ריש”, האַלב רייש האַלב חית, אַ קינסטלער־אַריסטאָקראַט ביז צו די נעגל, און ווען ער האָט גערעדט פון שאָפּען איז ער געוואָרן יונג, און די באַקן האָבן געגליט, און די באַגייסטערטע, יידישע, פּויליש־יידישע אויגן האָבן געברענט ווי פייערדיקע קוילן. איך האָב אים דערציילט און דערציילט פון וואַרשע, בפרט האָט ער זיך אינטערעסירט וועגן דעם דאָם סטאַרצאָוו (מושב זקנים) אויף וואָליע, וואו זיין ברודערן־זון מיכאל — אונדזער „פּרעזעס” — האָט געפירט זיין הערלעכע ממשלה מיט אַזוי פיל התמדה, און וועגן די וואַרשטאַטן וואו דער אַנדערער ברודערן־זון שמואל (סאַמועל) איז געווען „פּרעזעס” אין דעם קאָמיטעט וואָס האָט געהאַט זיינע פאַרזאַמלונגען אויף דלוגע־גאַס, ביי דער „סטאָוואַזשישעניע סוביעקטאָוו האַנדלאָוויך וויזנאַניאַ מאָיזשעשאָוועגאָ” (פאַרבאַנד פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע פון משהס גלויבן) וואו איך האָב מיך באַטייליקט עטלעכע יאָר.

אין 1898 איז ער געשטאָרבן, שטילערהייט, כמעט ווי איינגעשלאָפן, אין זיין הייזקע אין לאָנדאָן, שעפּערדסבוש. אַ טאָג פריער — האָבן מיר באַקאַנטע דערציילט — האָט ער נאָך געשפּילט שאָפּענס „נאָקטורן”. די פרוי, קעט האָט זי געהייסן, האָט אים איבערגעלעבט.

אין 1900 בין איך ווידער געווען אין לאָנדאָן אויף אַ קאָנגרעס. פון סעסיל־האָטעל אויפן סטרענד בין איך געפאָרן אין „הענס” צו „קווינס האָל”. דורכפאָרנדיק אָקספאָרד־סטריט אין מיין „הענס” בין איך פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ קאָנגעסטיאָן אין דעם פאַרקער. פּלוצעם — וועמען זע איך? אונדזער מיכאל בערגסאָן, אונדזער שפּעטערדיקער פּרעזעס, מיין אַלטער גוטער באַקאַנטער. פּאַניע מיכאַליע! — אַ שמחה. — וואָס מאַכט איר דאָ? — פרעגט ער מיך. — ס׳טיטש, ציוניסטן־קאָנגרעס! היתכן, איר ווייסט גאָר נישט אַז דאָ איז אַ ציוניסטן־קאָנגרעס? — ענטפער איך אים מיט אַ טאָן פון פּרעטענזיע. — טאַק, זאָגט ער אַ ביסל אונטער דער נאָז — צאַש סלישאַלעם (כ׳האָב עפּעס געהערט), און איר? — פרעג איך אים צוריק. — איך באַזוך מיין משפחה, די טאַנטע קעט.

ער איז נישט געווען קיין שמואל זביטקעווער און קיין בערעק, אָבער אַן אָרנטלעכער, גרינטלעך אָרנטלעכער מאַן, און אַ מתמיד אין קהל־זאַכן, וואָס די וועלט פאַרמאָגט עס נישט. ערלעכקייט, פּינקטלעכקייט, ווירדע, געוויסן אין געשעפט און אין קהל. אַ שילגייער, כל־ימיו פּתיחה צו נעילה, געשטאַנען אַ פאַסטנדיקער, אַ שטאַרקער כאַראַקטער, אַסימילירט, אָבער אין תוך אַריין אַ ירא־שמים. דער ברודער סאַמועל, אַ ביסל קרענקלעך אָן פיל ענערגיע, מיט גוטע כוונות, אַ רעפּרעזענטאַנט. נאָך אַ ברודער יוזעף, אַ גאַנצער אַריסטאָקראַט־באַנקיר, באַנק דיסקאָנטאָווי, געטראָפן שטענדיק ביי לורסן, פראַנצויזישע צייטונגען, אויסלענדישע פאַרבינדונגען, אַ מפונק, אַ וועלטמאַן, אַן עסטעטיקער, קיין שום יידישע אינטערעסן. פון די ייִנגערע. האָב איך קאָלעגירט אין קאָמיטעטן מיט גוסטאַוון, אַ הויכער, אַ בלאָנדער, אַ קורצזיכטיקער ,מיט בינאָקלען, שטאַרק דזשענטלמעניש לויט דעמאָלדיקע באַגריפן, אַסימילירט, אָבער אויף אַן אויסלענדישן שניט, אַ פיינער יונגער־מאַן, נאָר די פּלוניתטע האָט נישט דערלויבט אַז דעם זיידנס פּאָרטרעט, מיט דער יאַרמלקע און באָרד און פּאות, זאָל הענגען אין זאַל. בערעקן האָט מען, מחילה, משלח געווען אין קיך...

דאָ רייסט זיך אָפּ דער פאָדעם פון זכרונות. איך וויל דאָך נישט דערציילן וואָס איר אַלע ווייסט. וואָס איר ווייסט נישט, אָדער נישט גענוג קלאָר: צוריק אויף אַ מינוט צו אונדזער שאָפּען־מיכאל. אָט דער מיכאל האָט געהאַט צוויי זין, איינער, ווייניקער באַקאַנט, האָט זיך באַשעפטיקט מיט ענגלישער ליטעראַטור אין לאָנדאָן אונטער אַ פּסעוודאָנים. נישט פיל אויפגעטאָן, אונטערגעגאַנגען ווי טויזנט אַנדערע אין אַנאָנימיטעט, אַן אָרנטלעכער,שטילער מאַן. דער אַנ־

דערער,דער עיקר,איז פראָפעסאָר אַנרי בערגסאָן! ער איז געבוירן אין דער צייט ווען זיינע עלטערן האָבן געוואוינט אין פראַנקרייך, אליין אַ פראַנצויז. די מוטער איז געווען ד"ר לעוויזאָנס טאָכטער, אַ פיינע יידענע פון ענגלאַנד. אליין האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ מיס כהן פון אַ גוטער יידישער פאמיליע אין ענגלאַנד, דעריבער קען ער ענגליש אזוי גוט ווי פראַנצויזיש. וואָס אנרי בערגסאָן איז אין אונדזער דור, דאָס איז איבעריק צו דערציילן. ער האַלט דעם סצעפּטער פון פילאָזאָפיע, ער באַלייכט די סאָרבאָנע, די פראַנצויזישע אַקאַדעמיע, ער שפּייזט די וועלט, ער איז דער וועגווייזער. אין דער מלוכה פון גייסטיקער וויסנשאַפט קעניגט טעמערלס אייניקל!

(אַ פראַגמענט פון אַן ארבעט אין דעם יובילײ־בוך פון וואַרשעווער „היינט" 1908 - 1928)



אַלט־שטאָט

חנה קוביאַק (וואַרשע)

# ייִדישע אַלטערטימלעכקייט אין וואַרשע

שוין אין 14טן יאָרהונדערט האָבן ייִדן זיך באַזעצט אין וואַרשע, אָבער די ערשטע ידיעות פון אַן אָרגאַניזירט קהילה־לעבן שטאַמען פון אַ הונדערט יאָר שפּעטער. מיר ווערן געוווּיר אַז די ייִדן האָבן דאַן געוווינט אויף דער „ייִדישער גאַס” וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען די „אברהם־גאַס” און האָט זיך אָנגעהויבן פון מאַרק אויף אַלטשטאָט, ניט ווייט פון דער שטאָטישער מויער. דער בית־עולם האָט זיך דאַן געפונען נאָענט פון דעם גראָדזקער צווינטער, און די שיל אין שכנות מיט דער קירך פון הייליקן יאָן. צוליב דער עקאָנאָמישער קאָנקורענץ האָבן די רייכע קריסטלעכע איינוווינערס אונטערגענומען אַ העפטיקן קאַמף קעגן די ייִדן, און דאָס האָט גורם געווען צו זייער פולשטענדיקער אַרויסטרייבונג פון וואַרשע. נאָכן דעקרעט וועגן פאַרטרייבן אַלע ניט־קאַטאָליקן און ספּעציעל ייִדן און ניט דערלויבן זיי אויף להבא צו באַזעצן זיך אין וואַרשע אַרויסגעגעבן פון דעם פירשט פון מאַזאָוויע באָלעסלאָוו אין יאָר 1483, האָט מען אויפגעלייזט אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס. אויפן אָרט פון בית־עולם האָט מען אויפגעשטעלט אַ בעקעריי, און וואָס שייך דער שיל אויף דער ייִדישער גאַס, האָט מען זי אַוועקגעשענקט אַ קריסט.

אַלס פּועל־יוצא פון הונדערטער יאָרן קאַמף האָבן ייִדן באַקומען דאָס רעכט צו באַזעצן זיך אין דער שטאָטגעגנט פּאָטשעיווו, צווישן די גאַסן סענאַטאָרסקע און נאָוואָסענאַטאָרסקע. דאָס איז געשען סוף 18טן יאָרהונדערט. נאָכן באַקומען וווינרעכט און אַ דערלויבעניש צו האַנדלען אין דער שטאָט, האָבן די ייִדן אָרגאַניזירט זייער אָפיציעלע פאָרשטייערשאַפט, ד״ה די קהילה, און צוזאַמען דערמיט אַ שיל און אַ בית־עולם.

עס זענען אַ דורך בלויז עטלעכע צענדליק יאָר און וואַרשעווער ייִדן האָבן שוין פאַרמאָגט צענדליקער בתי־תפילות און עטלעכע גרויסע שילן וואָס זענען געווען איינגעטיילט אין „פּראָגרעסיווע און „קאָנסערוואַטיווע”. אין די ערשטע האָט מען אין אָנהייב געדאַוונט אויף דייטש, אָבער מיטן וווּקס פון פּאַטריאָטיזם און די קאַמפן פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט איז מען שוין אַרום 1852 איבערגעגאַנגען אין די „פּאָסטעמפּאָווע” שילן פון וואַרשע צו דער פּוילישער שפּראַך און דאָס האַלטן דרשות אין פּויליש איז געוואָרן איינגעפירט אין אַלע „פּראָגרעסיווע” שילן. די ערשטע „דייטשע” שיל אין וואַרשע שטאַמט פון סוף 18טן יאָרהונדערט און ס׳האָט זי געלאָזט אויסבויען אויף דער דאַנילאָוויטשעווסקע־גאַס איזאַק פלאַטאַו. אין 1840 איז די שיל געוואָרן דאָס אייגנטום פון דער קהילה. די דאָזיקע שיל האָט עקסיסטירט ביז 1878 און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר כאָר און שיינער אַרכיטעקטור, ווי אויך מיט איר רייכער אויסשטאַטונג. אויף די נאַלעווקעס איז געווען נאָך אַ „פּראָגרעסיווע” שיל, און אין 1862 זענען ביידע שילן געוואָרן פאַרמאַכט צוליב דער ייִדישער באַטייליקונג אין דער פּוילישער פּאָליטישער באַוועגונג וואָס האָט צוגעגרייט דעם אויפשטאַנד.

אין 1878 איז אויפגעבויט געוואָרן די „נייע פּראָגרעסיווע” שיל אויף טלאָמאַצקע 5. די געביידע, אין ניי־רענעסאַנס־סטיל, איז געמאַכט געוואָרן לויט די פּלענער פון לעאַנדער מאַרקאָני. די שיל האָט פאַרמאָגט אַ רייכן אָרון־קודש און אַ באַלעמער וואָס איז אָפּגעטיילט געווען פון די ערטער פון מתפּללים מיט אַ הערלעכן באַלקאָן פון מירמלשטיין און צוויי קאָלומנעס. איבערן אָרון־קודש האָט זיך געפונען דער כאָר פון די משוררים און די אייבערשטע גאַלעריע, וואָס האָט אַרומגענומען די געביידע, איז געווען באַשטימט פאַר פרויען.

די דערמאָנטע שיל איז געוואָרן אויפגעריסן דורך די היטלעריסטן, דעם 16טן מײַ 1943, בעתן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. די דייטשן האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ סימבאָלישן אַקט פון דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון דער ייִדישער געגנט. ״ס׳האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן אויך די גאַנצע ייִדישע געגנט. די גרויסע אַקציע איז געוואָרן פאַרענדיקט 20 אַ זייגער 15 מינוט דורך אויפרייסן אין דער לופט די וואַרשעווער סינאַגאָגע” — שרייבט סטראָאָפּ, דער ס. ס.־קאָמענדאַנט און גענעראַל־מאַיאָר פון דער פּאָליציי פון וואַרשעווער דיסטריקט, אין זיין ראַפּאָרט צום פּאָליציי־גענעראַל קריגער.

די צום מיינסטן באַקאַנטע קאָנסערוואַטיווע שילן האָבן זיך געפונען אויף די וויטערדיקע גאַסן: גנאַינע, קאָזשלע, גזשיבאָווסקע און יעזשעגאָ. אין דער שיל „מ ו ר י ה” האָבן געדאַוונט דאָס רוב ליטווישע ייִדן. באַקאַנט זענען אויך געווען די שיל אויף סימאָנס פּאַסאַזש און נאָזשיקס שיל אויף טוואַרדע. לויט די אָפיציעלע ציפערן זענען אין 1907 געווען אין וואַרשע 8 שילן און 330 אַנדערע ייִדישע געבעטהייזער, וואָס האָבן זיך באַשטייערט פאַר דער קהילה אין דער הייך פון 5 ביז 10 רובל אַ יאָר און דאָס געלט איז געגאַנגען אויף תלמוד־תורות. פון אַלע בתי־תפילה איז בלויז פאַרבליבן נאָזשיקס שיל, אַלע אַנדערע האָט דער דייטש פאַרניכטעט.

## בית־עלמינס

נאָך דעם ווי מ׳האָט אין 15טן יאָרהונדערט געצוווּנגען די וואַרשעווער ייִדן צו ליקווידירן זייער ערשטן אייגענעם בית־עלמין, האָבן זיי געמוזט באַגראָבן זייערע מתים אין די אַרומיקע שטעטלעך: ווי גראָדזשיסק און סאָכאַטשעוו, וווּ ס׳האָבן שוין געוווינט אַ סך ייִדן. ערשט אין 1799 האָבן וואַרשעווער ייִדן באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ בית־עלמין, וואָס איז גלייך געעפנט געוואָרן אויף פּאָוואָנזקי, צווישן די גאַסן אָקאָפּאָווע און מלינאַרסקע. דער אַרייַנגאַנג איז געווען אויף אָקאָפּאָווע 49 און דער גאַנצער פאַרנומענער שטח האָט באַטראָפן 27,8 העקטאַר. פון די אַמאָליקע מצבות, וואָס האָבן געהאַט אַ קינסטלערישן ווערט, דאַרף מען דערמאָנען מרדכים דענקמאָל פון יאָר 1810, דער אוהל אין מאַוריטאַנישן סטיל פון יאָר 1847 און די מצבה פון בערעק זאָנענבערג, אַ זון פון שמואל זביטקעווער. דער פּלאַן פאַרן דאָזיקן דענקמאָל זאָל שטאַמען פון דוויד פרידלענדער און זיין אויספירער זאָל זיין געווען יונה בן זיינוול, דער שעפער פון אַ סך קינסטלערישע אַרבעטן, צווישן זיי דער אָרון־קודש אין דער שיל פון קעמפּנאָ און סטאַשעוו. פאַראַן דאָ אויך קינסטלערישע מצבות לויט די פּראָיעקטן פון סקולפּטאָר אָסטזשעגאָ, ווי אויפן קבר פון י. סיראָטאַ און ר. שיוואַק.

אויפן דאָזיקן בית־עלמין געפונען זיך די קברים פון אַ סך באַרימטע פערזענלעכקייטן: פון אונדזער קלאַסיקער י. ל. פּרץ און פון די שרייבער י. דינעזאָן, ש. אַנסקי, י. מ. ווייסענבערג, פון דער מוטער פון ייִדישן טעאַטער אסתר רחל קאַמינסקי, פונעם באַקאַנטן היסטאָריקער שמעון אשקענאַזי (געשטאָרבן אין 1935), פונעם גרינדער פון דער טייך־נאַוויגאַציע מאַוריצי פּאַיאַנס (געשטאָרבן אין 1897), פון דעם נאַטור־פאָרשער און איינעם פון די גרינדער

פון דער „פוילישער געזעלשאפט פון לאנד-קענטשאפט" מיעטשיסלאוו האלפערן (געשטארבן אין 1924), פון דעם מיטגרינדער פון דער טעכנישער שול היפאליט וואוועלבערג און פון דעם שעפער פון עספעראנטא לודוויג זאמענהאף. ס'איז אויך דא באערדיקט דער באקאנטער קעמפער און קאמוניסטישער טוער גרשן דוא (באגען) און ס'געפינט זיך דא אויך דער געמיינזאמער קבר פון א גרופע יידישע פארטיזאנער, ווי אויך פון א גרופע אויפשטענדלער פון ווארשעווער געטא. אין דעם געמיינזאמען מאסן-קבר געפינען זיך עטלעכע טויזנט יידן, קרבנות פון היטלעריסטישן טעראר אין יאר 1942.

איצט געפינט זיך דער בית-עלמין אין א גוטן צושטאנד און ער ווערט ווי געהעריק אפגעהיט.

## דער פראגער בית-עלמין

די יידישע קהילה אין פראגע, פארהעלטנישמעסיק נאך א יונגע, איז עלטער פון דער נייער ווארשעווער קהילה. נאך אין יאר 1755 האט דער סיים-באשלוס דערלויבט יידן צו באזעצן זיך אין פראגע, בויען דארט הייזער און באשעפטיקן זיך מיט האנדל. זינט דאן ווערט פראגע דער הויפטצענטער פון דער ווארשעווער יידישער באפעלקערונג. די אלע וואס האבן געהאט געשעפטן אין ווארשע און האבן זיך דארט ניט געקענט באזעצן האבן געוווינט אין פראגע. פראגע ווערט ארוי ארום א באזונדער יידיש שטעטל און אין 1781 זענען אויף 6700 איינוווינער געווען 5000 יידן. סוף 18טן און אנהייב 19טן יארהונדערט איז געווען דער בליפעריאד פון דער פראגער קהילה און פון דאן איז אויך דער בית-עולם און די שיל פאראן א השערה אז דער פראגער בית-עלמין האט שוין עקסיסטירט אין 1764 און זיין גרינדער איז געווען ר' אריה לייב זונז, אבער דאקומענטאל ווייס מען ערשט פון אים אין 1780, ווען די דערלויבעניש דערויף האט באקומען, דער ליפעראנט פון קעניג סטאניסלאוו אויגוסט, שמואל זביטקעווער. אין דאקומענט זאגט זיך: „ס'ווערט אויסגעטיילט פארן בית-עלמין פלאץ אויף א זאמד-בערגל פון די קעניגלעכע גיטער פון טארגוועק, וואס פארנעמט 150 איילן אין דער לענג און אזוי פיל אויך אין דער ברייט. ס'ווערט דערלויבט דעם בית-עולם ארומצוזימען מיט א פארקאן, ווי אויך אויפצובויען א הויז פאר א גייסטלעכן באדינער. דער יערלעכער צינדז פארן מלוכה-אוצר ווערט באשטימט אין 400 פוילישע זלאטעס און פארן עלטסטן איבערן בית-עולם ווערט באשטימט יאקובאוויטש (זביטקעווער).

5 יאר האט עס גענומען יאקובאוויטשן דורכצופירן אלע מוניציפאלע פארמאליטעטן, ווי אויך דאס אויפשטעלן א מויער ארום דעם בית-עלמין און ערשט דאן האט ער עס איבערגעגעבן אין די הענט פון א באגרעבעניש-ברודערשאפט, פארזיכערנדיק זיך פריער אז עס זאל אים אומגעקערט ווערן די צינדזן און די קאסטן פון דער מויער. אין די ערשטע 15 יאר האבן זיך אויפן בית-עולם געפונען גאנץ ווייניק מתים, ווייל מ'האט זיי לויט דער פריערדיקער געוווינהייט מייסטנס ווייטער געפירט קיין גראדזשיסק אדער סאכאטשעוו. דער בית-עולם האט זיך אבער אנגעהויבן אנצופילן מיט קברים אין יאר 1794, בעת די קאמפן פאר דער פוילישער אומאפהענגיקייט, אין וועלכע ס'האט זיך באטייליקט דער יידישער פאלק פון בערעק יאסעלעוויטש. און ווען ס'איז אומגעקומען דער גרעסטער טייל פון די פראגער יידישע איינוווינערס. ווי אן אילוסטראציע צו דער דאזיקער געשעעניש, ווען מיר ציטירן דעם פאקט וואס עס גיט אן דער פוילישער היסטאריקער טאדעוש קאזשאן: „שמואל זביטקעווער, פילנדיק טיף דעם ווייטיק פון דער גרויסער צאל קרבנות, אומגעבראכטע דורך פייער און שווערד, האט פארעפנטלעכט א דערקלערונג אז יעדערער פון דער ארמיי וואס וועט צו אים ברענגען א לעבעדיקן איינוווינער פון פראגע — א ייד, צי א קריסט — וועט באקומען א גאלדענעם דוקאט, און ווער ס'וועט ברענגען א טויטן, כדי צו ברענגען אים צו קבורה, וועט באקומען א זילבערנעם רובל. צוליב דעם האט ער אוועקגעשטעלט אויפן קעניגלעכן הויף צוויי פולע טונען מיט גאלדענע רענדלעך און זילבערנע רובל און ביידע זענען גיך געווארן אויסגעליידיקט".

אין יאר 1810, שוין נאך יאקובאוויטשעס טויט, האט זיין אלמנה געשלאסן א נייעם אפמאך מיט דער באערדיקונג-ברודערשאפט. לויט וועלכן ס'איז פעסטגעשטעלט געווארן ווער ס'דארף פאררעכטן די מויער פון בית-עלמין און אויך צאלן די צינדזן. אין פארלויף פון גאנצן 19טן און אויך שפעטער אין 20טן יארהונדערט איז באנוצט געווארן דער דאזיקער בית-עלמין אבער אונטער דער היטלעריסטישער אקופאציע איז ער אינגאנצן געווארן פארניכטעט. איצט באמיט מען זיך פון פארבליבענע שטארק צעשעדיקטע מצבות צונויפצושטעלן איין געמיינזאמען דענקמאל.

## די שיל אין פראגע

בערעק זאנענבערג, אן אפשטאמלונג פון דער זביטקעווער משפחה, האט אין 1807 (תקסז) געשענקט דער פראגער קהילה א שיל וואס איז אויפגעבויט געווארן לויט די פלענער פון ארכיטעקט יוזעף לעסעל. די היטלעריסטישע אקופאציע האט געלאזט די שיל אין א צושטאנד פון פולשטענדיק חורבן און איצט פלאנט מען זי צו באנייען.



די שיל אויף
טלאמאצקע גאס

ד״ר ע. רינגעלבלום

# יידן אין וואַרשע אין 18טן י״ה און זייער רעכטלעכע לאַגע

## 1. צי האָט עקסיסטירט אין וואַרשע אַ יידישע קהילה?

זינט דעם גירוש פון יאָר 1527 ביז צום 19טן י״ה איז אין וואַרשע ניט געווען קיין אָפיציעלע יידישע קהילה. די סיבה איז אַ גאַנץ פשוטע: יידן האָבן דאָ נישט געהאַט קיין וואוינרעכט, ניט געטאָרט דאָ האָבן קיין הייזער, וכדומה. די מאַכט האָט נאָר געוויסע קאַטעגאָריעס יידן דערלויבט צו וואוינען, אָבער אויך — אָן פרויען און קינדער.

פון דעסט וועגן האָבן יידן שטענדיק געוואוינט אין וואַרשע. געווען צווישן זיי אַזעלכע וואָס זענען דאָ געבוירן געוואָרן און דאָ אָפּגעלעבט אַלע זייערע יאָרן; אין די גערירכטן דערקלערן טייל יידן אַז זיי וואוינען אין וואַרשע אפילו צו 40 יאָר. די גירושים פון צייט צו צייט זענען געווען אַ טרויעריקער אינטערמעצאָ, וואָס דעמאָלט האָבן די אָרעמע שיכטן געמוזט פאַרלאָזן וואַרשע אָדער זיך ערגעץ וואו אויסבאַהאַלטן. די רייכערע האָבן אונטער דעם שוץ פון די פּריצים זיך באַוועגט מער ווייניקער פריי אפילו אין יענע שווערע צייטן.

די מאַכט האָט נישט אָנערקענט קיין יידישן קאָלעקטיוו אין וואַרשע, ווייל דאָס וואָלט באַטייט אַז עס ווערט אָנערקענט דאָס לעגאַלע וואוינרעכט פון יידן אין דער שטאָט. ביי יעדן פאַל ווען די יידן פון וואַרשע ווענדן זיך אַלס אַ קאָלעקטיוו, ווערט אין דעם ענטפער פון די מאַכטאָרגאַנען אונטערגעשטראָכן אַז יידן האָבן נישט קיין רעכט צו בילדן אין וואַרשע אַ קהילה. אַזוי, למשל, לייענען מיר אין דער באַמערקונג פון קרוין־מאַרשאַלעק (1), וואָס צו אים האָט געהערט די גאַנצע מאַכט איבער די יידן פון וואַרשע, אויף דעם מעמאָראַנדום פון די וואַרשעווער יידן צום קעניג און „שטענדיקן ראַט״ (2) אַז די אונטערשריפט אַליין — די פאַרזאַמלונג פון די וואַרשעווער יידן —

Zgromadzenie żydów warszawskich

— איז קעגן געזעץ. די יידן אין וואַרשע האָבן נישט קיין רב און ניט קיין שול — טענהט דער מאַרשאַלעק — טאָרן זיי בכן זייער מעמאָראַנדום נישט אונטערשרייבן אַלס אסיפה.

ווען דער גענעראַל בוקסהעוודען (3) האָט נאָך דעם פאַלן פון דעם קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד פאַרנומען וואַרשע און האָט אויפגעפאָדערט די יידן, זיי זאָלן שיקן זייערע פּרנסים, האָבן זיי געענטפערט: „דאָ אין וואַרשע האָבן מיר נישט קיין שום פּרנסים; אין די צייטן פון דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע איז געווען אַ יידישער סינדיק וואָס איז באַשטימט געווען פון דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע״. די דאָזיקע אויטאָריטאַטיווע דערקלערונג קען באַטראַכט ווערן פאַר אַ מין אָפיציעלער דעקלאַראַציע. אויף איר סמך קען מען מיט אַ זיכערקייט באַהויפּטן אַז קיין אָפיציעלע יידישע קהילה האָט נאָכן גירוש אין יאָר 1527 און אייגנטלעך נאָך פריער, צום סוף 15טן י״ה, דאָרט נישט עקסיסטירט.

אָן אויסנאַם איז נאָר אַ קליינער צייטאָפּשניט פון יאָר 1750 ביז 1766, ווען עס האָבן עקסיסטירט טעטיקע יידישע פּרנסים אין וואַרשע (Seniores Judaeorum). די קאָמפּעטענצן פון די דאָזיקע „סעניאָרן״ זענען — לויט די גערירכטאַקטן — געווען גאַנץ ברייטע. קודם־כל האָט צו זיי געהערט די יוריסדיקציע איבער די יידן; די מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע שיקט איבער צו זיי אַ גאַנצע ריי סיכסוכים צווישן יידן (4), ס׳איז אפילו נאָטירט אַ פאַל, ווען אַ ייד ווערט פאַרמשפּט דערפאַר וואָס ער האָט זיך נישט אונטערגעוואָרפן דעם פּסק־דין פון די פּרנסים (5). די פּרנסים האָבן, אויסער געריכט־פונקציעס, זיך אויך באַטייליקט אין איינמאָנען דעם קאָפּשטייער פון די וואַרשעווער יידן. דאָס עצם איינמאָנען דעם קאָפּשטייער געהערט צום יידישן סינדיק (זע ווייטער), די פּרנסים האָבן מסתמא, ווי אומעטום, געמוזט אונטער אַ שבועה באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון דער אָנגעגעבענער רשימה פון די שטייער־צאָלערס (6).

אין משך פון די עטלעכע יאָר וואָס דאָס פּרנסים־געריכט האָט פונקציאָנירט, האָבן זיך די פּרנסים געביטן. געבליבן איז נאָר איינער — לעוועק פון כמעלניק. אין יאָר 1759 זענען געווען פּרנסים: אברהם פון פּשעדבאָזש, לעוועק פון כמעלניק, יעקב פון סאָקאָל, מאַרעק פון פּשעמישלע און איצעק פון וואָידיסלאַוו (7). אין 1766 פאַרנעמען דעם דאָזיקן אַמט: לעוועק פון כמעלניק, דוד פון פּשעדבאָזש, הערשקע פון קאָנעצפּאָל, מאָשקע פון כמעלניק און מיכאַל דער זיגל־מאַכער (8).

די עקסיסטענץ פון אַ לעגאַלער יידישער קהילה אין די 60ער יאָרן איז אויך קאָנטיק דערין וואָס דאָס געריכט לייגט אַרויף די אחריות אויף „דער גאַנצער יידישער קהילה״ (universam communitatem Judaeorum) פאַר אַ גנבה פון יידישע גנבים ביים פּרייסישן אַרטילעריע־קאַפּיטאַן ביסמאַן). די סומע וואָס די יידישע קהילה דאַרף באַצאָלן מאַכט אויס 100 רויטע גילדן —

1) עקאָנאָמישע אַקטן פון אַלט־וואַרשע, נ׳ 1207, פון יאָר 1778, (הויפּט־אַרכיוו אין וואַרשע).

2) דער „שטענדיקער ראַט״ (אויף פּויליש Rada Nieustająca) איז באַשטאַנען פון 18 סענאַטאָרן און 18 דעפּוטאַטן וואָס האָט קאָנטראָלירט די טעטיקייט פון דעם קעניג און אָן זיין דערלויבעניש האָט דער קעניג גאָר נישט געטאָרט טאָן.

3) עקאָנאָמישע אַקטן, נ׳ 1258, 13 אָקט׳ 1794.

4) אורטיילן פון דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע Dekrety jurysdykcji marszałkowskiej. נ׳ 54, ז׳ 240, י׳ 1766, דאָרטן, נ׳ 44, ז׳ 167, י׳ 1759.

5) דאָרטן, נ׳ 44, ז׳ 310, י׳ 1760.

6) דאָרטן, נ׳ 54, ז׳ 64, י׳ 1766.

7) דאָרטן, נ׳ 44, י׳ 1759.

8) דאָרטן, נ׳ 54, ז׳ 64, י׳ 1766.

1.800 פוילישע גילדן; די קהילה האָט אָבער רעכט אויפצומאָנען דאָס געלט ביי די יידישע גנבים (9). דער דאָזיקער פאַל איז אויך אינטערעסאַנט דערפאַר וואָס עס ווערט אין אים אָנגעווענדט דער מיטל־עלטערלעכער פּרינציפּ פון קאָלעקטיווער אחריות.

לעגאַל און כלפּי חוץ האָט קיין יידישע קהילה נישט געטאָרט עקסיסטירן. אין דער אמתן אָבער האָט זיך דער יידישער כלל אָרגאַניזירט אין אַ קערפּערשאַפט וואָס האָט, אמת, כלפּי חוץ נישט געהייסן קהילה, האָט אָבער פּאַקטיש אויסגעפירט די זעלביקע פונקציעס ווי אַ קהילה. אַזאַ אָרגאַניזירטער יידישער קאָלעקטיוו האָט געמוזט זיין אין וואַרשע. מען האָט כסדר געמוזט שטיין אויף דער וואַך פון די אָרטיקע יידישע אינטערעסן, מען האָט אָן אויפהער געמוזט זאַמלען געלט אויף „מתנות" פאַר פאַרשיידענע הויך געשטעלטע פּערזאָנען, מען האָט כסדר געמוזט קעמפן „מיט דער יידישער שווערד" — ווי מען פלעגט דעמאָלט אָנרופן שוחד — כדי די יידישע רעכט אין וואַרשע זאָל נישט געמינערט ווערן. אויסער דעם האָט דאָך עמעצער געמוזט זאָרגן פאַר די רעליגיעזע הצטרכותן פון דער יידישער עדה אין וואַרשע.

נישט געקוקט דערויף וואָס אַ יידישע קהילה איז אין וואַרשע נישט געווען לעגאַל, גנבעט זיך פון צייט צו צייט אַדורך דער אומלעגאַלער נאָמען „אסיפה פון די וואַרשעווער יידן" וואָס האָט אַזוי אַרויסגעבראַכט פון די כלים דעם קרוין־מאַרשאַלעק לובאָמירסקי. אין יאָר 1778 (10) רופט זיך אַזוי אָן דער יידישער קאָלעקטיוו אין וואַרשע. פריער נאָך טרעט אַזוי אַרויס די פּראַגער קהילה (11). אין יאָר 1793 טרעטן אַרויס די רעפּרעזענטאַנטן פון וואַרשעווער יידנטום „אין נאָמען פון דער גאַנצער אסיפה פון כלל ישראל אין וואַרשע" (12)

w imieniu całego Zgromadzenia Izraela w Warszawie

אין דעם זעלביקן יאָר ווענדן זיך די וואַרשעווער יידן צום קעניג ווי „שליחים פון דער אסיפה פון די וואַרשעווער יידן" (13)

.Deputowani od Zgromadzenia Żydów warszawskich

די אומלעגאַלע קהילה האָט אויך כסדר אירע פּרנסים וואָס האָבן אין איר נאָמען פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון כלל. אין צענדליקער ווענדונגען, מעמאָראַנדומס, בקשות א"א טרעטן אַרויס די חשובי העיר: די רייכסטע סוחרים, דער וואָס האַלט אין אַרענדע די שחיטה, די גרעסטע מעקלערס וכדומה, תמיד די זעלביקע פּערזאָנען — אַ סימן אַז דאָס זענען די פּרנסים פון דער נישט־לעגאַלער יידישער קהילה.

עס קען זיין אַז די וואַלן פון די פּרנסים זענען פאָרגעקומען אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען. עס קען אָבער אויך זיין אַז די דאָזיקע פונקציעס האָט אויסגעפירט די פאַרוואַלטונג פון איינער פון די לעגאַלע חברות וואָס האָבן עקסיסטירט אין וואַרשע און פּראַגע. מסתמא איז דאָס געווען די חברה־קדישא, וואָס בראש פון איר איז אין פּראַגע, למשל, געשטאַנען דער באַקאַנטער ליווראַנט שמואל זביטקעווער. בכלל אין באַוואוסט אַז דער אמט פון אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער חברה־קדישא איז תמיד ביי יידן געווען חשוב. אין אַזאַ וואַרשע, וואו קיין אַנדערע כיבודים האָבן די רייכע יידן נישט געקאָנט דערגרייכן, האָבן זיך נאָך דעם כבוד אין דער חברה־קדישא אוודאי געמוזט יאָגן די סאַמע אָנגעזעענסטע פּני. צום באַדויערן אָבער איז נישט אויפגעהיט געוואָרן דער פּנקס פון דער וואַרשעווער חברה־קדישא, הגם אַזעלכער האָט עקסיסטירט, און עס איז דעריבער אוממעגלעך פעסטצושטעלן די ריכטיקייט פון אונדזער השערה אַז די פאַרוואַלטונג פון דער חברה־קדישא איז געווען אידענטיש מיט דער אָנפירונג פון דער קהילה.

ווי אַ פּועל־יוצא פון דעם פאַרבאָט צו אָרגאַניזירן די יידישע באַפעלקערונג אין אַ וועלכער נישט איז רעפּרעזענטאַטיווער קערפּערשאַפט, האָט די מאַכט אויך נישט דערלויבט די יידן פון וואַרשע צו בויען בתי־מדרשים, און עס זענען אַפילו אין אָנהייב פאָרגעקומען פּראָצעסן קעגן יידן וואָס האָבן ביי זיך פּריוואַט איינגעאָרדנט אומלעגאַל שולן צו דאַווענען בציבור. עס איז אויך געווען פאַרווערט חתונה צו האָבן אין וואַרשע, גטן זיך וכדומה.

(9) דאַרטן, נ' 43, י' 1760.
(10) עקאָנאָמישע אַקטן, נ' 1207, י' 1778.
(11) אַקטן פון פּראַגער יורידיקעס, נ' 86, י' 1768.
(12) עקאָנאָמישע אַקטן, נ' 1125.
(13) אַרכיוו פון קעניגרייך פּוילן נ' 316, ז' 1109, י' 1793.
Archiwum Królestwa Polskiego



דער טויטער אות פון געזעץ האָט אָבער געמוזט אָפּטרעטן פאַר די באַדערפעניש פון לעבן. די זעלביקע מאַכט וואָס האָט פאַרבאָטן יידישע שולן, הייסט שפּעטער דעם יידישן סינדיק (זע ווייטער) צו מעלדן די פאַראָרדענונגען פון מאַרשאַלעק דווקא אין די שולעכלעך, (14) וואו יידן קומען זיך צונויף. די רעגירונג האָט אויך קאַפּיטולירט בנוגע חתונות און גטן: די מאַרשאַלקעס דערלויבן די סינדיקעס אַרויסצוגעבן די פּערזאָנען וואָס ווילן חתונה האָבן באַשטעטיקונגען אַז זיי האָבן אַן עקסיסטענץ־מעגלעכקייט (15) און קענען הייסט עס אויסהאַלטן אַ פאַמיליע.

די מאַרשאַלעק־מאַכט האָט נישט אָנערקענט די רבנים וואָס האָבן געהאַט אַן אויטאָריטעט, און האָט אויף זייער אָרט באַשטימט פון זיך דיינים (וועגן דעם זע ווייטער). דאָס האָט אָבער קנאַפּ וואָס געהאָלפן. יידן פלעגן גיין נישט צו די דאָזיקע דורך דער מאַכט נאָמינירטע גייסטלעכע באַאַמטע, נאָר צו די אומלעגאַלע רבנים, וואָס צו זיי האָבן זיי געהאַט צוטרוי. נישט אומזיסט קלאָגט זיך דער סינדיק, (16) אַז „די רבנים האָבן די העזה געהיים צו משפּטן סיכסוכים און באַנוצן זיך מיט דער מאַכט וועלכע מען האָט ביי זיי צוגענומען, און שטעלן זיך אַנטקעגן די איצטיקע, ד"ה דורך דער מאַכט נאָמינירטע דיינים".

עס האָט אויך עקסיסטירט אַ מין געהיימער שטענדיקער בית־דין וועלכער האָט אָנגעקניפּט אָן אַ גאָר אַלטער טראַדיציע. דער דאָזיקער בית־דין האָט זיך געפונען אין דעם זעלביקן הויז וואו עס האָט זיך אין מיטל־עלטער געפונען די יידישע שול, אויף דער גאַס דוניי. (17) בעת דעם קאַמף וואָס יידן האָבן געפירט אויפן גראָדנער סיים אין יאָר 1793 פאַר זייערע רעכט האָבן זיי געטענהט אַז זייערע רעכט צו וואוינען אין וואַרשע שטאַמען נאָך פון מיטל־עלטער, און אַ באַווייז איז אַז דאָס הויז, וואו עס קומט פאָר חתונות, גטן, וכדומה, איז מיט הונדערט יאָר צוריק געווען אַ בית־מדרש. דאָס שטימט טאַקע מיט דער ווירקלעכקייט, מחמת אויפן וואַנזקי־דוניי האָט זיך בעתן מיטל־עלטער באמת געפונען אַ יידישע שול (18).

נישט דערלויבנדיק די לעגאַלע עקסיסטענץ פון אַ יידישער קהילה אין וואַרשע האָט אָבער די מאַכט בלית־ברירה געמוזט אַליין שאַפן אַן אַפּאַראַט וואָס זאָל אין איר נאָמען פאַרוואַלטן איבער די ענינים פון יענע יידן וואָס האָבן לויטן געזעץ געמעגט וואוינען אין וואַרשע. דער דאָזיקער תחילת גאַנץ קליינער אַפּאַראַט, וואָס בראש פון אים איז געשטאַנען דער יידישער סינדיק, איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסן צו אַ ברייט פאַרצווייגטן שטאַב מיט צענדליקער פּערזאָנען. נאָך מער: די מאַכט האָט כסדר געמוזט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג און דערלויבן אַ חברה־קדישא וואָס האָט איבערגענומען די פונקציעס טיילווייז פון אַ קהילה און טיילווייז פון אַנדערע חברות. די מאַכט האָט אויך געמוזט קאַפּיטולירן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג בנוגע אירע פאָדערונגען וועגן אויטאָנאָמיע אין פּרט פון שטייערן. דער סינדיק מיט זיין גאַנצן קלאַפּערגעצייג האָט נישט געקלעקט בעת ס'איז אויסגעקומען איינצומאָנען אַ נייע באַשטייערונג, אָדער בעת מען האָט אַפּעלירט צו דער יידישער באַפעלקערונג, זי זאָל אַריינטראָגן פריייוויליקע ביישטייערונגען (פאַר דעם אויפשטאַנד, וכדומה).

מיט איין וואָרט, דער קאַמף וואָס האָט זיך געפירט מצד די וואַרשעווער יידן פאַר די רעכט צו אָרגאַניזירן זייער אייגן ציבור־לעבן אויף די זעלביקע יסודות ווי אומעטום, ד"ה אויף יסודות פון אַליין־באַשטימונג, האָט זיך סוף כל סוף געענדיקט מיטן נצחון פון דער יידישער באַפעלקערונג. עס האָט בכן געמוזט אויפקומען אין וואַרשע אַ יידישע קהילה מיט פּרנסים, רבנים, מיט שולעכלעך, מיט אַ בית־דין וכדומה. אין דער יידישער קהילה, דער אומלעגאַלער, האָט זיך אַפילו אַנטוויקלט די זעלביקע סיסטעם וואָס אין אַנדערע, לעגאַלע קהילות: די סיסטעם פון אַריבערוואַרפן די שטייערן־משא אויף די אָרעמע מאַסן דורך אומדירעקטע שטייערן, דער עיקר דורך שחיטה־געלט.

(14) עקאָנאָמישע אַקטן נ' 858.
(15) דאָרטן.
(16) י. מ. געוועזענע פּאָליציי־דירעקציע J. M. B. Dyrekcja Policji נ' 19, ז' 46, י' 1788.
(17) דאָרטן, נ' 11, ז' 49, י' 1784.
(18) פּר"גל מיין אַרבעט Żydzi w Warszawie, I. p. 114, עקאָנאָמישע אַקטן נ' 1053, י' 1793. .Djarjusz czynności delegacji w Grodnie

## 2. די יידישע קהילה אין פראגע

אנדערש ווי אין ווארשע האט עס אויסגעזען אין פראגע. הגם אויך דא האט פארמעל געגאלטן פאר יידן דער פארבאט צו וואוינען, אבער בדרך כלל איז דער פארבאט נישט אפגעהיט געווארן. די סיבה דערפון איז די רעכטלעכע לאגע פון פראגע, וואס האט געהאט די רעכט פון א באזונדער שטאט. אין פראגע האבן דאמינירט די פריצים, להיפוך צו ווארשע וואו דאס בירגערטום האט געהאט א שטארקע השפעה. אין פראגע האט געטראפן אז די דארטיקע איינוואוינער האבן זיך אנטקעגנגעשטעלט די פאדערונגען פון דער מארשאלעק־מאכט ארויסצוטרייבן די יידן (19), מאטיווירנדיק עס דערמיט אז זייערע דירות וועלן בלייבן שטיין ליידיק. אין א דאקומענט פון יאר 1784 (20) ווערט אפילו אפיציעל פעסטגעשטעלט אז יידן האבן געהאט וואוינרעכט incolat אין פראגע.

עס קען זיין אז אויף דער באזונדערער שטעלונג פון די פראגער יידן האט געהאט א השפעה דאס וואס דארט האט געוואוינט שמואל זביטקעווער און א דאנק זיין השפעה האבן די יידן דא געהאט באזונדערע רעכט. מיר דוכט אבער אז ריכטיקער וואלט געווען צו זאגן פארקערט, אז שמואל זביטקעווער האט דערפאר קאנצענטרירט זיינע אונטערנעמונגען אין פראגע, ווייל דארט האט ער נישט אנגעטראפן אויף אזעלכע מניעות ווי אין ווארשע. דעם בעסטן סימן האבן מיר אז ווען שמואל זביטקעווער האט געוואלט אין דער א"ג פרייסישער תקופה עפענען א פוטערסקלאד אין ווארשע, האט ער געמוזט דערפאר פירן א לאנגן און ביטערן קאמף.

די יידן אין פראגע האבן פאקטיש געהאט א קהילה מיט אלץ וואס צו איר געהערט: מיט א לעגאלן בית־מדרש, מיט א בית־עלמין, א מקווה וכדומה, און מחמת דעם איז דא געווען דער צענטער פון גייסטיקן לעבן פון די יידן אין ווארשע און פראגע. די וויכוחים צווישן די חסידים און מתנגדים זענען אין יענע צייטן פארגעקומען אין דער פראגער שול. ווארשע האט אויך געהאט רבנים, אבער, ווי געזאגט, זענען זיי געווען אומלעגאלע. אין פראגע אבער האט פארנומען דאס כסא־הרבנות לעגאל דער באקאנטער פראגער רב ר' שעיהלע פראגער, גערופן שעיה חריף.

די ערשטע שפורן פון א לעגאלער קערפערשאפט פון די פראגער יידן באגעגענען מיר אין 1768. אין דעם יאר טרעט ארויס אן אנגעזעענער פראגער ייד לייזער מארקאוויטש (21) פאר דער מאכט אין נאמען פון דעם כלל פראגער יידן całego zgromadzenia Żydów praskich. אין דעם צוגעשטעלטן דאקומענט פאדערט די פראגער קהילה, מען זאל איר ארויסגעבן א פרעמדן יידן וואס ווערט באשולדיקט אז ער האט געפעלשט אין זיין פרוי. מארקאוויטש פאררופט זיך ביי דער געלעגנהייט דערויף, אז ער האט פון דעם ווענגראווער קהל, וואס צו אים האט פראגע אדמיניסטראטיוו געהערט, דאס רעכט צו פארהאלטן און באשטראפן אזעלכע פארברעכערס. פון די מאטעריאלן וועגן דעם סיכסוך צווישן ווענגראוו און פראגע, וואס אין אים גייט די רייד וועגן דעם צי האט פראגע דאס רעכט צו זיין א זעלבשטענדיקע קהילה אדער זי איז א מין אפטיילונג פון דער ווענגראווער און מוז קומען אהין אויף ימים־טובים און בכלל באפרידיקן דארט אלע אירע רעליגיעזע הצטרכותן, ווערן מיר געוואר אז די פראגער קהילה האט נישט אנערקענט די אייבערהערשאפט פון ווענגראוו און געמאכט שבת פאר זיך: געפראוועט ביי זיך אלע ימים־טובים, געגעבן אליין גטן, מקבר געווען מתים, געפסקנט שאלות, געהאט אן אייגענעם רב, וכדומה. זי איז, מיט איין ווארט, געווען אן אויטאנאמע קהילה. אין פראגע זענען פאראן פרנסים פון דער קהילה, די אונטערהאנדלונגען מיט דעם ווענגראווער קהל פירט דער סינדיק שמואל זביטקעווער, ווי דער פרנס פון דער קהילה (22). פראגע האט געהאט אן אייגענע שול, געגרינדעט דורך שמואל זביטקעווער. דא איז נישט וויכטיק וואס זי איז געווען שמואלס אן אייגנטום און וואס זי ווערט אין די אקטן גערופן „שמואלס שול” (23). אין דער אמתן איז עס געווען די שול פון

(19) וועגן דעם שרייב איך אויספירלעכער אין א קאפיטל פון מיין ארבעט וועגן די יידן אין ווארשע, וואס פארנעמט זיך מיט דער געשיכטע פון די יידן אין פראגע.

(20) עקאנאמישע אקטן, נ' 1125 פון 8טן יוני 1784.

(21) אקטן פון די פראגער יורידיקעס, נ' 86, י' 1768.

(22) פינאנצאקטן, אפט' 54, נ' 24, ז' 411, יי' 84־1788.

(23) עקאנאמישע אקטן, נ' 1120, אין יאר 1792 ווערט דערמאנט דער שמש הערשעק אבראמאוויטש פון מאצעיעוו Szkolnik przy szkole Szmula



דער פראגער קהילה. א דאנק זביטקעווערס השתדלות האט פראגע אויך געהאט א בית־עלמין. דא איז אויך געווען א יידישער מרחץ — א מקווה (אין יאר 1783 ווערט געכאפט א יידישער גנב, וועלכער טיטולירט זיך „פראגער בעדער”) (24). וועגן א בעדער הערן מיר אויך אין די שפעטערדיקע יארן (25). וואו די באד האט זיך געפונען ווערט אין די אקטן נישט פארצייכנט, מן הסתם מוז דאס זיין די זעלבע וואס שמואל האט געהאט איינגעארדנט אין הויף פון די פושעזדשעצקים (26). אין פראגע האבן אויך לעגאל עקסיסטירט חדרים פאר יידישע קינדער; אין די טאגצעטלעך ווערט טאקע דערמאנט „א פראגער מלמד”(27) bakałarz praski מיטן נאמען הערשקע לעווקאוויטש פון כמעלניק.

אין פראגע האט זיך אויך געפונען א יידיש שחיטה־הויז, וואס האט געהערט צו שמואל זביטקעווער (28). דער פראגער בעל־דרשן, איצקע לייבאוויטש פון גאמבין (29), און דער סופר מארדקאוויטש פון ווענגראוו (30) שליסן די רייען פון פראגער כלי־קודש, וואס האבן פון פראגע געמאכט א קהילה ווי אלע קהילות.

אין מעמאראנדום פון די פראגער יידן, וואס אונטער אים געפינט זיך אויפן ערשטן ארט די אונטערשריפט פון שמואל זביטקעווער (31), מאטיווירן זיי דעם פראגער סעפאראטיזם בנוגע ווארשע דערמיט וואס בעת דער פראגער שחיטה (32) האבן זיי די פארוואונדעטע יידן געהיילט און אויסגעהאלטן אויף זייער אייגן געלט. זיי ווייזן אויך אן אנדערע, טעכנישע מאטיוון. אבער לויט אונדזער מיינונג האבן דא געשפילט א ראלע די לייכטערע וואוין־תנאים אין פראגע, וואו די לעגאלע ארגאניזירונג פון דער יידישער באפעלקערונג האט ניט אנגעטראפן אויף אזעלכע מניעות ווי אין ווארשע.

## 3. דער סינדיק און זיינע מיטהעלפער

די מארשאלעק־מאכט, וואס האט געהאט די הויפט־שליטה איבער די ווארשעווער יידן, האט בכן נישט דערלויבט צו גרינדן א יידישע קהילה אין ווארשע. היות ווי עס זענען אבער געווען א גאנצע ריי ענינים פון דער יידישער באפעלקערונג, וואס עמעצער האט זיך דאך געמוזט פארנעמען מיט זיי, דעריבער זענען די מארשאלקעס געווען געצוואונגען צו באשאפן אן אייגענעם אויספיר־אפאראט וועלכער זאל זיך מיט די דאזיקע ענינים מתעסק זיין. דאס איז געווען דער יידישער סינדיק מיט זיין פארצווייגטן אפאראט.

די מאכט פון סינדיק האט זיך אונטערגעשיידט פון דער מאכט פון דער יידישער קהילה דערמיט וואס דער סינדיק איז נאמינירט געווארן דורך דעם מארשאלעק און פאר זיינע מעשים איז ער געווען פאראנטווארטלעך נאר פאר אים. די קהילה, אבער, איז געווען א זעלבסט־פארוואלטונג־ארגאן, איז געוויילט געווארן דורך די יידן און האט געטראגן די אחריות פאר דעם יידישן ציבור.

ווען דער אמט פון סינדיק איז אויפגעקומען איז אין די אקטן ניט פארצייכנט. די ערשטע ידיעה וועגן א יידישן סינדיק שטאמט פון יאר 1759, ד"ה נאך פון די צייטן פון באקאנטן מארשאלעק ביעלינסקי. מען דארף זיך משער זיין אז ביעלינסקי, וואס ווערט פאררעכנט פאר איינעם פון די בעסטע מארשאלקעס פון ווארשע, וועמען די הויפטשטאט פארדאנקט זייער א סך אין פרט פון ארדענונג (33), האט זיך אויך באמיט צו מאכן א סדר אין די ענינים פון די ווארשעווער יידן. לאנגע יארן האט ער געפירט א קאמף מיט די יידן אין ווארשע און זיי אומברחמנותדיק געטריבן פון שטאט; סוף כל

(24) דארטן נ' 1253, ז' 650, י' 1788, א בלאט פון ווארשעווער גראד נ' 16, י' 1783.

(25) עקאנאמישע אקטן, נ' 1120, י' 1787 (יעקב בוים פון נאשעלסק, „דער יידישער בעדער פון פראגע”).

(26) פינאנצאקטן, אפט' 54, נ' 18, ז' 7־355, 3־302 (ווארשעווער הויפט־ארכיוו).

(27) דארטן נ' 1120, י' 1787.

(28) מעמאראנדומס צו דער פינאנץ־קאמיסיע 39, ז' 64, י' 1792 (פינאנץ־ארכיוו אין ווארשע).

(29) עקאנאמישע אקטן, נ' 1122, י' 1793.

(30) דארטן.

(31) אורטיילן פון דער ווארשעווער יוריסדיקציע, נ' 173, ז' 50, 5/9 1796.

(32) די שחיטה, וואס דאס רוסישע חיל האט געמאכט אויף יידן אין 1794.

(33) איגנאצי באראנאווסקי: דער מארשאלעק פראנציישעק ביעלינסקי, ווארשע 1919, זז' 16־17 (פויליש).

סוף האָט ער געמוזט איינזען אַז ס'איז אוממעגלעך איינצוהאַלטן דעם צושטראָם פון יידן אין דער הויפּטשטאָט, וואָס מיט איר איז דאָס גאַנצע לאַנד געווען פאַרבונדן מיט טויזנטער פעדעם. אָפּגעזאָגט זיך פון געדאַנק וועגן פאַרטרייבן אין גאַנצן יידן פון ווארשע, האָט ער מסתמא באַשלאָסן אַריינצוברענגען אַ סדר אין דעם מצב פון יענער קאַטעגאָריע וואָס ער האָט איבער כמה טעמים געמוזט דערלויבן דאָ צו וואוינען. ער האָט זיי דעריבער דערלויבט אין די 60ער יאָרן צו אָרגאַניזירן זיך אין דער פאָרעם פון אַ קהילה, גלייכצייטיק אָבער האָט ער באַשטימט זיינעם אַ פאַרטרויאונגס־מאַן, דעם סינדיק, וועלכער זאָל אים מיטהעלפן ביים אָנווענדן די תקנות פון געזעץ לגבי די יידן פון דער הויפּטשטאָט. ס'איז אויך נישט שווער צו טרעפן פון וואַנען עס נעמט זיך דער נאָמען „סינדיק". אין ווארשע האָבן אין 17טן יאָרהונדערט און שפּעטער זיך אויפגעהאַלטן כסדר די שתדלנים פון וועד, וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען צו שטיין אין פאַרבינדונג מיט דער מאַכט, בפרט מיט דעם פינאַנץ־מיניסטער, אַכטונג צו געבן אַז די סיימען אין ווארשע זאָלן ניט אָננעמען קיין געזעצן קעגן די יידן, וכדומה. די דאָזיקע שתדלנים, אָדער ווי זיי הייסן אין די לאַטייניש מקורים „סינדיקעס", פלעגן פון די מלכים כסדר באַקומען פּריווילעגיעס אויף וואוינרעכט אין ווארשע. דער מאַרשאַלעק האָט זיך אַזוי אַרום צוגעוואוינט צו באַטראַכטן די סינדיקעס פאַר די פאָרטרעטערס פון די ווארשעווער יידן.

די אויפגאַבעס פון סינדיק זענען געווען:

1) פּאָליצייאיש. השגחה איבער דעם ניט־לעגאַלן אויפהאַלט פון יידן, קאַמף מיט פאַרברעכנס און שלעכטער אויפפירונג פון יידן מיט דער הילף פון „שמשים", די באַהעלפערס פון סינדיק.

2) אַדמיניסטראַטיווע. אָדורכפירן די יידן־ציילונג, זאַמלען דאָס קאָפּגעלט און אַנדערע שטייערן און אָפּצאָלן, מיט דער הילף פון די כלי־קודש.

3) געריכטלעכע. דער סינדיק צוזאַמען מיט די פּרנסים האָבן געבילדעט דעם א"ג „יידישן געריכט", דורך דעם געשוואוירענעם איבערזעצער איבערגעזעצט פון יידיש אָדער העבראַיש אויף פּויליש, אויפגענומען שבועות וכדומה.

4) רעליגיעזע. דער סינדיק האָט געפירט אַ רעיסטער פון אַלע חתונות, גטן, בריתן, וכדומה.

5) קאָנטראָלירנדיקע. דער סינדיק האָט געהאַט השגחה איבער דער חברה־קדישא, און נאָך פאַרשיידענע אַנדערע פונקציעס.

די פּאָליצייאישע. די אינסטיטוציע פון די סינדיקעס איז באַשאַפן געוואָרן ניט לטובת די יידן פון ווארשע, נאָר ווי אַ געצייג קעגן זיי. וואָרעם ווער האָט דען געקענט בעסער פירן דעם קאַמף מיט די יידן, וואָס וואוינען אומלעגאַל אין ווארשע, אויב נישט דער יידישער סינדיק? דעמאָלט איז אַזאַ מין קאַמף געווען אַ סך שווערער ווי היינט. קיין פאַמיליע־נעמען האָבן יידן ניט געהאַט, קיין מעלדונגס־פליכט און אַנדערע פאָרמען פון רעגיסטראַציע האָבן אויך נישט עקסיסטירט. ווי אַזוי־זשע האָט מען געקענט וויסן וועלכער פון די 10 אָדער 20 הערשקאָס צי מאָשקעס האָט יאָ רעכט און וועלכער האָט נישט קיין רעכט צו זיין אין ווארשע? דער סינדיק מיט זיין שפּיאָניר־אַפּאַראַט, די א"ג „שמשים" szkolnicy, האָבן צום בעסטן געקענט אויספירן די דאָזיקע אַרבעט, און ווי עס ווייזט אויס האָבן זיי טאַקע בשלמות זי אויסגעפירט.

אַלע אינסטרוקציעס dyspozycje אָדער אָרדינאַציעס ordynacje פון די קרוין־מאַרשאַלקעס חזרן כסדר איבער אַז דער חוב פון סינדיק איז „אויסצוזוכן" (34) און צו מעלדן וועגן אַזעלכע יידן (פון די אומלעגאַלע) וואָס פאַרנעמען זיך מיט מעקלעריי, מיט גנבה, וואָס פאַרקויפן ביר, ווי אויך די וואָס האַלטן ביי זיך זונות, וואָס פאַרנעמען זיך מיט מלאכה, וואָס פאַרקויפן „טאַנדעט־סחורה", אא"וו. מיט איין וואָרט, דער סינדיק מיט זיינע משרתים האָבן אויסגעפירט פּאָליצייאיש־אַדמיניסטראַטיווע פונקציעס לגבי דער יידישער באַפעלקערונג.

אין די ווייטערדיקע אינסטרוקציעס ווערן די דאָזיקע פּאָליצייאישע אויפגאַבעס אויסגעברייטערט: „דער סינדיק — שרייבט די

34) י. מ. (געוו' פּאָליציי־דירעקציע) נ' 11, ז' 68, 1/10 י' 1784.



מאַרשאַלעק־אָרדינאַציע פון יאָר 1788 (35) — דאַרף וויסן וועגן אַלע יידן וואָס האַלטן זיך אויף אין ווארשע און איר געגנט, מיט וואָס זיי פאַרנעמען זיך און פון וואָס זיי לעבן. יעדערן וועמען ער איז חושד איז גנבה אָדער אין נישט האָבן קיין וואוינרעכט אין ווארשע דאַרפן די שמשים כאַפּן און אַריינזעצן אין דעם מאַרשאַלעק־טורעם", וואו עס האָט זיך געפונען אַ תפיסה. דער צווייטער פונקט איז מחייב דעם סינדיק אַריינצושרייבן אין אַ ספּעציעלן בוך אַלע דעקרעטן וואָס הייסן די יידן צו פאַרלאָזן ווארשע. לויט די ווייטערדיקע פונקטן טאָר דער סינדיק ניט באַהאַלטן קיין חשודיקע פּערזאָנען און נעמען פון זיי שוחד, ער דאַרף וועגן דעם גלייך אָפּגעבן דעם מאַרשאַלעק אַ ראַפּאָרט.

דער סינדיק טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויף די שמשים. ער דאַרף יעדע וואָך אַליין אַרומגיין איבער אַלע יידישע דירות און דאָרט אַליין זוכן „חשודיקע" יידן, זיי פאַרהאַלטן און איבערגעבן אין די הענט פון דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע. אַן אַנדער אינסטרוקציע, וואָס וועגן איר איז ניט זיכער צי זי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אָדער מען האָט זי נאָר צוגעגרייט, לייגט אַרויף אויפן סינדיק דעם חוב צו פירן אַ רשימה (dyarjusz) פון אַלע יידן וואָס קומען קיין ווארשע, נאָך וואָס זיי קומען, מיט וואָס זיי באַשעפטיקן זיך, וכדומה.

די השגחה איבער די חשודיקע, איבער גנבים, זונות און ענלעכע עלעמענטן, פאַרנעמט אַ היפּש ביסל צייט און ענערגיע ביי די סינדיקעס, און דאָס איז געווען בעצם זייער וויכטיקסטע אַרבעט.

וואָס שייך די אַדמיניסטראַטיווע אויפגאַבעס פון סינדיק (פּונקט 2), זענען זיי אין די 60ער יאָרן באַשטאַנען אין איינמאָנען דאָס קאָפּגעלט פאַר דעם מלוכה־אוצר (36), שפּעטער אין העלפן ביים איינמאָנען דעם דאָזיקן שטייער. זיין עובדא איז עס געווען צונויפצושטעלן אַ רשימה פון די ווארשעווער יידן, ווי דאָס באַווייזן די העברעאישע רשימות וואָס זענען אויפגעהיט געוואָרן אין ווארשעווער הויפּטאַרכיוו (37).

די ציילונגען פון די ווארשעווער יידן דורכן סינדיק אָדער מיט זיין באַטייליקונג פלעגן פאָרקומען צוליב צוויי צוועקן: כדי איינצומאָנען דאָס קאָפּגעלט און צוליב קאָנטראָלצוועקן מצד דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע, וועלכע האָט געוואָלט פעסטשטעלן צי עס געפינען זיך נישט אין ווארשע אַזעלכע יידן וואָס האָבן דערצו קיין רעכט נישט. אין ערשטן פאַל (ציילונג צוליב קאָפּשטייער) האָט דער סינדיק, צוזאַמען מסתמא מיט די כלי־קודש, צונויפגעשטעלט רשימות פון די ווארשעווער יידן. ביי די ציילונגען, צוליב קאָנטראָל, איז דער סינדיק געווען מחויב צונויפצושטעלן אַ רשימה פון די יידן, גלייכצייטיק האָבן עס געמוזט טאָן אויך די אייגנטימער פון די הייזער און הויפן, דערנאָך פלעגט מען פאַרגלייכן ביידע רשימות, צי זיי שטימען צווישן זיך. נאָך די צוויי ציילונגען פלעגן ערשט די לוסטראַטאָרס אַרומגיין איבער די הייזער, כדי צו קאָנטראָלירן צי די ידיעות זענען ריכטיקע. די רשימה פלעגט דער סינדיק צונויפשטעלן נישט אַרומגייענדיק איבער די הייזער, נאָר יעדער ייד איז געווען מחויב צו קומען צו אים און אָנגעבן אים אַלע פּרטים וועגן זיך, זיין פאַמיליע וכדומה (38). די ציילונגען צוליב קאָנטראָל פלעגן איבערגעחזרט ווערן כמעט יעדעס יאָר — אַ סימן אַז זיי האָבן קנאַפּ וואָס געהאָלפן און אַז מען האָט ניט קיין סך געקאָנט וויסן וועגן דער אמתדיקער צאָל יידן אין ווארשע. איך רעכן אַז אויך דער פאָרשלאָג פון דעם א"ג „שטענדיקן ראַט" מען זאָל אומזיסט אַרויסגעבן בילעטן כדי צו דערגיין די צאָל יידן, האָט מסתמא אויך ווייניק געהאָלפן (39).

אויך די ציילונגען פון קאָפּגעלט זענען ווייט געווען פון אמת. שוין ביי דער ערשטער ציילונג, וואָס דער סינדיק האָט אָדורכגעפירט אין 1764, איז דערגאַנגען צו אַ פּראָצעס קעגן דעם סינדיק פּסח חיימאָוויטש (40) וועגן אַ ריי נישט־פּינקטלעכקייטן: די קאָמיסאַרן, וועלכע האָבן נאָכקאָנטראָלירט די ציילונג, האָבן פעסטגעשטעלט אַ

35) דאָרטן נ' 19, ז' 46, 7/20 י' 1788.
36) אורטיילן פון דער מאַרש' יוריסדיקציע, נ' 54, ז' 64, י' 1766.
37) פאַר"גל ד"ר ר. מאַהלער: העברעיִש־יידישע דאָקומענטן פון יידן־ציילונגען (ייוואָ־בלעטער, ב' 3, נ' 3).
38) י. מ. נ' 42, ז' 231, י' 1778.
39) דעקרעטן פון דעם שטענדיקן ראַט, נ' 403, ז' 523, 11/11, י' 1777.
40) פינאַנץ־קאָמיסיע, אָפּט' 55, Protokół sentencjonarza jurydycznego, י' 1764.

גרעסערע צאָל יידן איידער עס האָט אָנגעגעבן דער סינדיק, דהיינו — 235.

וואָס איז נוגע דעם פונקט 3 — די קאָמפּעטענץ פון דעם יידישן געריכט, מיטן סינדיק בראש — וועלן מיר דאָס ארומרעדן ווייטער.

צום פונקט 4. געוויסע קאָמפּעטענצן האָבן די סינדיקעס געהאַט אויך אין רעליגיעזע ענינים. קיין שום רב האָט ניט געטאָרט צולאָזן א יידן אין ווארשע צו חופּה־וקידושין, כל זמן יענער האָט ניט געבראַכט קיין קוויטל פון סינדיק אז ער האָט אַן עקסיסטענץ־מעגלעכקייט אין ווארשע. פאַר אַזא קוויטל האָט דער סינדיק געמעגט נעמען א האַלבן גילדן (41). צו די רעכט פון סינדיק האָט אויך געהערט דאָס רעכט „צו באַשטימען יידן צו זיגלען כשרן ווייַן״ (42), אויך פירן די ציווילאַקטן, ד״ה ארויסגעבן חתונה־צייגענישן, גטן, וכדומה, האָט געהערט צו די אויפגאַבעס פון סינדיק, אייגנטלעך פון א באַזונדערן שמש. ביים סינדיק פלעגן אויך יידן לויט א באַשטימונג פון געריכט אָפּגעבן שבועות (43).

צום פונקט 5. דער סינדיק האָט אויסגעפירט א קאָנטראָל איבער דער טעטיקייט פון דער חברה־קדישא. יעדע וואָך האָט ער געמוזט וועגן דעם צושטעלן א באַריכט צום מאַרשאַלעק (44) די חברה פלעגט אויך געבן מאַטעריעלע הילף די נויטבאַדערפטיקע אויפן סמך פון א קוויטל פון דעם סינדיק.

צום פונקט 6. מיט די אויסגערעכנטע אויפגאַבעס שעפּן זיך נאָך נישט אויס די אויפגאַבעס פון די סינדיקעס. די מאַכט פלעגט זיי באַנוצן פאַר פאַרשיידענע צוועקן. ווי נאָר עס איז אויפגעשוואומען אַן ענין, וואָס מען האָט זיך געדאַרפט צוליב אים ווענדן צו דער יידישע באַפעלקערונג, פלעגט מען עס טון דורכן סינדיק. ווען בערעק יאָסעלעוויטש האָט בעתן אויפשטאַנד פון קאָשציושקאָ ווערבירט אָנהענגערס אין זיין יידישן רייטערפּאָלק, האָט ער פאַרלאַנגט פון סינדיק א געהעריקע מיטהילף (45). ווען רייכע יידן האָבן קעגן די פאַראָרדענונגען פון דער מאַכט אין דער צייט פון אויפשטאַנד געוואָלט ארויספירן זייער צירונג און בכלל זייער פאַרמעגן און זייערע פאַמיליעס פון שטאָט, איז דער סינדיק געווען דער וואָס האָט זיי פאַרהאַלטן ביי די ראָגאַטקעס. דער סינדיק איז צוזאַמען מיט זיין שטאַב געווען פריי פון אויסקויפן טאָגצעטלעך. ער האָט זיך אויך לויט דער אָרדינאַציע פון יאָר 1788 נישט געטאָרט פאַרנעמען מיט קיין מסחרים און מיט שענקעריי.

דער סינדיק פלעגט באַקומען זיין געהאַלט ניט פון דער מאַכט, נאָר פון די פּערזאָנען וואָס זענען צו אים געקומען אין דער אָדער יענער פראַגע. פאַר א פּסק־דין — שרייבט די אָרדינאַציע — דאַרף דער סינדיק מיט זיינע „כלי־קודש״ זיך באַנוגענען לויט די תקנות פון יידישן דין מיט דעם וואָס יעדער פון די צדדים וועט זיי גוטוויליק געבן. פאַר א שבועה אין יידישן געריכט קומט דעם סינדיק 1 גילדן מיט 15 גראָשן, פאַר א דאָקומענט אין העברעאיש און פּויליש צוזאַמען מיטן שטעמפּל־אָפּצאָל קומט פון א גרעסערן פּסק־דין 3 גילדן, פון א קלענערן — 2 גילדן. אין אַן אַנדער אינסטרוקציע רעדט זיך אַז דער סינדיק און די „כלי־קודש״ טאָרן נישט נעמען קיין „מתנות״ — א סימן אַז דאָס נעמען „מתנות״ איז ביי זיי געווען שטאַרק פאַרשפּרייט ... די דאָזיקע „מתנות״ טאַקע זענען ווייזט אויס געווען דער וויכטיקסטער הכנסה־קוואַל פון דעם סינדיק מיט זיין באַאַמטן־שטאַב. דאָס לייגט זיך אויפן שכל ווען מען דערמאָנט זיך אַז פון דעם סינדיק איז אין דער ערשטער ריי געווען אָפּהענגיק דאָס וואוינרעכט אין ווארשע פון טויזנטער יידן.

כדי יעדער ייד זאָל זיין באַקאַנט מיט דעם מאַרשאַלעקס „אָרדינאַציע״, איז דער סינדיק געווען מחויב ארויסצוהענגען זי אויף דער טיר פון זיין אַמט אין דער פּוילישער און יידישער שפּראַך.

41) י. מ. נ׳ 19, ז׳ 46, י׳ 1788.
42) דאָרטן, נ׳ 11, ז׳ 99, י׳ 1784, י. מ. נ׳ 19, ז׳ 46, י׳ 1788.
43) עקאָנאָמישע אַקטן, נ׳ 879, י׳ 1795, מענדל מינדלאָוויטש דערקלערט אַז ער איז שוין 10 יאָר געווען שמש בײַם סינדיק און האָט געשריבן חתונה־קוויטן, גטן וכדומה.
44) י. מ. נ׳ 12, ז׳ 145, י׳ 1786.
45) וועגן דעם שרײַב איך אויספירלעכער אין מײַן אַרבעט „די יידן אין דעם אויפשטאַנד פון קאָשציושקאָ״ (כתב־יד).



## 4. די טעטיקייט פון די וואַרשעווער און פּראַגער סינדיקעס

די נעמען פון די יידישע סינדיקעס אין ווארשע און אין פּראַגע זענען אונדז כמעט אַלע באַקאַנט.

אין ווארשע זענען געווען סינדיקעס:
פּסח חיימאָוויטש פון אַפּט — פון 1759 ביז 1784, — אין יאָר 1765 — מאָשקאָ חיימאָוויטש פון וואָודיסלאַוו;
ברוך יאָעלעוויטש פון קאָנסטאַנטינאָוו — פון 1784 ביז 1788;
שמעון שמולעוויטש פון אַפּט — פון 1788 ביז 1793;
שלמה שאַיאָוויטש — פון 1793 ביז 1794;
יאַנקל מאָשקאָוויטש — פון אויגוסט 1794 ביז צום טאָג פון אויפשטאַנד אין פּראַגע;

בערעק איצקאָוויטש — פון 1759 ביז 1766 (?);
זלמן לייזעראָוויטש — פון 1766 (?) ביז 1773;
וואָלף ליפּאָוויטש פון לובאָמלע — פון 1773 ביז 1778;
לייזער קעלמאַנאָוויטש פון שידלאָוו — פון 1778 ביז 1784;
אייזיק שמערלאָוויטש — פון 1784 ביז 1793;
יעקב יאָעלעוויטש — 1794.

וועגן דער טעטיקייט פון די סינדיקעס איז פאַרבליבן א היפּש ביסל מאַטעריאַל, וואָס וואַרפט זייער א טרויעריקע שיין אויף די דאָזיקע יידישע אַפּוטראָפּסים. גענוג צו זאָגן אַז כמעט קיין איינער פון זיי האָט נישט באַוויזן אַוועקצוגיין פון זיין אַמט בשלום: אַלע זענען זיי פון דעם מאַרשאַלעק אראָפּגעזעצט געוואָרן נאָך איינעם אָדער עטלעכע קרימינאַל־ענינים. כמעט אַלע זענען זיי סוף כל סוף ארייַנגעזעצט געוואָרן אין די תפיסות, אין וועלכע זיי האָבן הונדערטער און אפשר טאַקע טויזנטער יידן ארייַנגעוואָרפן בעת זיי זענען געווען ביי דער מאַכט. די געוועזענע סינדיקעס האָבן געגראָבן אונטער די נייע, וואָס זענען געווען אין אַמט. עס האָבן זיך געשאָטן אַ צאָל מסירות, געבילדעט געוואָרן פּאַרטייען, מען האָט אונטערגעקויפט עדות, זיך פאַרבונדן מיט גנבים — אבי צו דיסקרעדיטירן און אראָפּוואַרפן דעם סינדיק. מיט איין וואָרט — א מוראדיק בילד פון געפאַלנקייט און דעמאָראַליזאַציע, א קנויל פון שרעקלעכער קאָרופּציע. א שוואַרץ בלעטל אין דער געשיכטע פון די ווארשעווער יידן האָבן ארייַנגעשריבן אָט די דאָזיקע יידישע „מושלים״ מיט זייערע אונטערהעלפערס.

לאָמיר אָבער גיין כסדר און באַקאַנט מאַכן מיט די פאַקטן וועגן דער געבענטשטער טעטיקייט פון די דורכן מאַרשאַלעק געוואַלבטע יידישע „מלכים״, וואָס האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט דאָס לעבן און פאַרמעגן פון טויזנטער יידן אין ווארשע.

דער ערשטער אין דער ריי איז פּסח חיימאָוויטש (46) פון אַפּט. א פערטל יאָרהונדערט האָט געדויערט זיין ממשלה אויף דער יידישער גאַס. אויפן סמך פון די מאַטעריאַלן ווילן מיר דאָ געבן א בילד פון דעם דאָזיקן ערשטן סינדיק, וואָס האָט געהאַט א מיאוסן סוף.

פּסח חיימאָוויטש האָט תחילת געפּרוּווט זיין גליק אין מסחר. אין יאָר 1762 (47) איז ער געווען ליוועראַנט פון דער רוסישער אַרמיי און האָט צוזאַמען מיט זיין שותף זענדלען פון סאַמבאָר געליווערט גערשטן און גרויפּן אין רוסישן מאַגאַזין, האָט געמסחרט אויך מיט וויין און אַנדערע אַרטיקלען. ער איז געווען פאַרוויקלט אין סיכסוכים, און דער בעל־הבית פון הויף וואו ער האָט געוואוינט האָט ביי אים צוגענומען זיין פערד־און־וואָגן (48).

אין דער זעלביקער צייט דרייט ער זיך ארום אין די געריכטן און פירט אויס פונקציעס פון א מסור. ער האָט אויסגעשפּירט עפּעס אַ חטא פון עטלעכע מאָהילעווער קריסטלעכע סוחרים, האָט זיי געלאָזן איינזעצן און שפּעטער פאַרלאַנגט פון געריכט אַ היפּשן חלק ווי דער הויפּט־מסור principalis delator (49). ער האָט אין זיינע מסחרים נישט קיין גרויס מזל, ער פאַרפּלאָנטערט זיך

46) מיר ברענגען דאָ דעם נאָמען — און אויך אַלע אַנדערע — אַזוי ווי זיי פיגורירן אין די פּוילישע אַקטן; אין דער אמתן, נאַטירלעך, האָט ער געהייסן פּסח חיימס אָדער פּסח בר׳ חיים; דאָס אייגענע איז אויך מיט די אַנדערע.
47) אורטיילן פון דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע, נ׳ 48, ז׳ 20, י׳ 1762.
48) דאָרטן, נ׳ 44, ז׳ 53, י׳ 1759.
49) דאָרטן, נ׳ 48, י׳ 1762, ז׳ 53, דאָרטן, נ׳ 52 ז׳ 136.

עפעם אין דער גרויס־פוילישער שטאָט ליסע, וואָס אהין איז ער מסתמא געפאָרן נאָך סחורה, און אנטלויפט פון דאָרט קוים א לעבעדיקער (50). סוף כל סוף פארלאָזט ער זיינע מסחרים און באַקומט אין 1759 די שטעלע פון א סינדיק. אָבער א געוויסע צייט האָט זיך פסח חיימאָוויטש אָפּגעזאָגט פון דעם אמט און אויף זיין אָרט האָט דער מאַרשאַלעק ביעלינסקי באשטימט איינעם משהקע (מאָשעק) דאַווידאָוויטש; געווען איז דאָס אין יאָר 1765, אָבער ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט, איז אומבאַקאַנט. בכל אופן קערט זיך פסח אום צוריק צו זיין שטעלע און „קעניגט" ביזן יאָר 1784.

יאָרן לאַנג גיט זיך אים איין ארויסצודרייען זיך פון די באַשולדיקונגען אין פאַרשיידענע שווינדלערייען, ביז וואַנען דער עמער ווערט איבערפולט, און הגם ער האָט געהאַט ברייטע פּלייצעס ווערט ער סוף כל סוף דערוויטערט פון זיין אמט און פאַרטריבן פון דער הויפּטשטאָט.

אין יאָר 1780 (51) ווערט ער באַשולדיקט אין באַנוצן זיך מיט גישט־געשטעמפּלטע ספרים; עס גליקט אים אָבער אָפּ זיך ריינצוּוואַשן. ווייטער: צוויי יידן פאַרקלאָגן אים אַז איבער אים זענען זיי אָן שום גרונד באַשולדיקט געוואָרן אין גנבה, אָבער אויך דאָס מאָל געראָט אים איבערצוצייגן דאָס געריכט אין זיין אומשולד (52). וועלכער חטא האָט גורם געווען צו זיין גירוש פון וואַרשע, ווייסן מיר נישט. וועגן איינעם א זייער שווערן חטא זיינעם ווערן מיר יאָ געוואָר: ער ווערט נעמלעך באַשולדיקט אַז ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די מערדערס פון דעם טערקישן בירגער עמנואל מאַגאַרעט, וועלכער איז געהרגעט געוואָרן אין דער מאָלדאַוויע אין יאָר 1779; דער סינדיק ווערט דערפאַר פאַרמשפּט אויף 3 חדשים תפיסה און 1000 גריוונעס שטראָף. אָבער נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע איז אויסגעפירט געוואָרן. בלית־ברירה אַפּעלירט דער ברודער פון דעם דערהרגעטן צו דעם אויסערן־מיניסטעריום (דעפּאַרטאַמענט פאַר אויסערן־ענינים ביים „שטענדיקן ראַט") (53). דער ווייטערדיקער פאַרלויף פון ענין איז נישט באַוואוסט. חיימאָוויטש איז אויך געווען פאַרמישט אין א וועקסל־אַפערע. א גאַנצע גרופּע יידן איז באַשולדיקט געוואָרן אין פאַבריצירן פאַלשע וועקסלען. חיימאָוויטש האָט וועגן די פעלשונגען געוואוסט, אָבער באַקומען לאָיהרץ־געלט און האָט זיך געמאַכט נישט ווייסנדיק (54). מסתמא האָבן די דאָזיקע ביידע ענינים סוף כל סוף געבראַכט צו זיין דעמיסיע און גירוש פון וואַרשע.

נאָך זיין דעמיסיע נעמט ער נקמה פון זיין ממלא־מקום, פון דעם נייעם סינדיק ברוך יאָעלעוויטש. ער פאַרפּלאָנטערט אים אין אַן אַפערע, שטעלט צו פאַלשע עדות און דערפירט צו ברוכס דעמיסיע. אין דער דאָזיקער אַקציע קעגן דעם נייעם סינדיק העלפן אים זיינע פריינד ברוך פינקוואַסאָוויטש און דוד זלאָטניק, ווי אויך דער גראָדזשיסקער רב אפרים. ברוך האָט אָבער די זאַך נישט פאַרשוויגן. ער האָט פאַרפירט א פּראָצעס קעגן חיימאָוויטשן און אין דעם אָנקלאָגאַקט באַשולדיקט ער אים אַז „מחמת דעם, וואָס מען האָט אים אָפּגעזאָגט פון סינדיקאַמט איז ער (פסח) געווען מלא שנאה אויף ברוכן, ער האָט אים כסדר געסטראַשעט, געהעצט קעגן אים אַנדערע יידן, אָפּגעטאָן אים פאַרשיידענע שפּיצלעך; ער האָט אויך געוואָרנט יידן, וועלכע מען האָט געדאַרפט איינזעצן, און ביי זיך אויסבאַהאַלטן". דער פּסק־דין איז פאַר חיימאָוויטשן געווען א האַרבער (55), מען האָט געמוזט ברוכן באַצאָלן 500 גריוונעס. דעם גראָדזשיסקער רב איז שטרענג פאַרווערט געוואָרן צו משפּטן סיכסוכים צווישן יידן.

שפּעטער, ווען חיימאָוויטש האָט זיך ווידער באַוויזן אין וואַרשע און דער מאַרשאַלעק האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער ארויסגעגעבן א באַפעל אַז „ער מוז תיכף פאַרלאָזן וואַרשע און טאָר זיך דאָ נישט באַווייזן, ביז וואַנען ער וועט נישט באַקומען קיין בפירושע געריכטלעכע אויפאָדערונג צו קומען קיין וואַרשע" (56). נאָך אַן הפסקה פון 11 יאָר שווימט פסח ווידער ארויף אויף

(50) דעקרעטן פון דער מאַרש׳־יוריסדיקציע, נ׳ 52, ז׳ 101, י׳ 1762.
(51) פינאַנץ־קאָמיסיע, אַפּט׳ 15, נ׳ 17, י׳ 1780.
(52) נאָטן פון דעם פינאַנץ־דעפּאַרטאַמענט פון דעם שטענדיקן ראַט נ׳ 28 .Noty departamentu skarbowego Rady Nieustającej
(53) דאָרטן.
(54) אַבלאַטן פון וואַרשעווער גראַד, נ׳ 14, ז׳ 475, י׳ 1782.
(55) מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע, נ׳ 78, י׳ 1785.
(56) י. מ. נ׳ 11, ז׳ 132, י׳ 1780.

דער אייבערפלאַך פון געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן, דאָס מאָל שוין אויף גרויסע וואַסערן. אין יאָר 1791 שטייט ער בראש פון דער דעלעגאַציע פון די פּוילישע קהילות וואָס פירט אונטערהאַנדלונגען מיטן קעניגלעכן סעקרעטאַר, דעם איטאַליענער פּיאַטאָלי, וועגן דורכפירן רעפאָרמעס לטובת די יידן אין פּוילן, פאַרן פּרייז אַז יידן זאָלן דעקן די גאַנץ באַדייטנדיקע חובות פון דעם קעניג פּאָניאַטאָווסקי, וואָס האָבן אויסגעמאַכט אַן ערך 20 מיליאָן פּוילישע גילדן. פון די דאָקומענטן וואָס זענען פאַרבליבן פון יענע צייטן ווייזט זיך ארויס אַז ער האָט געשפּילט די הויפּטראָלע אין דעם דאָזיקן נישט אין גאַנצן כשרן געשעפט. טרויעריק האָט רעמאָלט אויסגעזען די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין פּוילן, אויב פסח חיימאָוויטש איז געווען דער ראש־המדברים אין נאָמען פון די פּוילישע קהילות... די דאָזיקע פאַרהאַנדלונגען מיט די הויכע פּענצטער האָבן אָבער ניט פאַרהיט פון רדיפות מצד דעם מאַרשאַלעק מנישעך Mniszech, וועלכער האָט אין אָנהייב 1792 ארויסגעגעבן א נייע פאַראָרדענונג צו פאַרטרייבן די יידן פון וואַרשע, און אין איינעם מיט זיי אויך דעם הויפּט־פאַרהאַנדלער חיימאָוויטש. עס איז פאַרבליבן א בריוו פון פסח חיימאָוויטשן, וואו ער קלאָגט זיך פאַרן קעניג אַז נישט געקוקט דערויף וואָס ער האַלט זיך אויף אין וואַרשע צוליב די אינטערעסן פון יידישן כלל, צווינגט מען אים צו פאַרלאָזן די שטאָט, וואו ער וואוינט שוין זינט 30 יאָר ווי א יידישער שתדלן. ער בעט דעם קעניג, ער זאָל אים אומקערן זיין הויז אין קאָזשעניץ, וואָס איז נאָך דער שריפה פאַרנומען געוואָרן דורך אַן אַנדערן יידן און שפּעטער איבערגעגעבן געוואָרן דעם קעניגלעכן אוצר. חיימאָוויטש האָט מסתמא נישט פאַרלאָזט וואַרשע, מחמת די גזירה פון גירוש אין דעמאָלט בטל געוואָרן מיט דער הילף פון קעניג, וועלכער האָט באַקומען פון די וואַרשעווער יידן בתור מתנה 40.000 גילדן (57). דערמיט ענדיקן זיך אונדזערע ידיעות וועגן פסח חיימאָוויטשן.

ברוך יאָעלעוויטש (58) פון קאָנסטאַנטינאָוו, דער ממלא־מקום פון פסח חיימאָוויטשן, האָט פאַרנומען דעם סינדיקשטול בסך־הכל 4 יאָר, פון 1784 ביז 1788. אָבער אויך זיין ממשלה איז פול מיט סקאַנדאַלן און אַפערעס. עס ווייזט צו זיין אַן אמת אַז ער און זיינע כאַהעלפערס האָבן געדעקט די גנבים וואָס האָבן באַגנבעט דעם קעניגלעכן שאַמבעלאַן מאָראַווסקי; ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די דאָזיקע גנבים און האָט פאַר „לאַפּקעגעלט" געלאָזט זיי אויף דער פריי, הגם ער האָט געהאַט א מעגלעכקייט זיי צו כאַפּן, ווי דאָס וואַרפט אים פאָר פסח חיימאָוויטש (59). ברוך יאָעלעוויטש האָט לאַנג די שטעלע פון סינדיק נישט פאַרנומען. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן אויף אים אָנקלאָגעס צו דעם קרוין־מאַרשאַלעק מצד באַוואוסטע יידן, און דער סוף איז געווען אַז ער איז אויך אריינגעפאַלן אין תפיסה און אראָפּגעזעצט געוואָרן פון זיין אמט (60).

ווען אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן פאַר א סינדיק שמעון שמולעוויטש חזרט זיך איבער די זעלביקע געשיכטע: דער אראָפּגעזעצטער ברוך נעמט אָרגאַניזירן א קאַמפּאַניע קעגן דעם אויפגעקומענעם. ער שטעלט ארויס עדות וואָס פאַרמישן דעם נייעם סינדיק און זיין איידעם אין אַן אַפערע פון פעלשערס פון געשטעמפּלטן פּאַפּיר. דער נייער סינדיק פאַרטיידיקט זיך און דערציילט אויס סודות פון חדר: בעת ברוך איז געווען סינדיק, האָט ער פון אים, שמעון שמולעוויטש, פאַרלאַנגט פאַר באַשטימען אים פאַר א געשוואָוירענעם איבערזעצער א גרויסע געלטסומע; ווען שמעון האָט דעם דאָזיקן אמט באַקומען פון מאַרשאַלעק קעגן ברוכס ווילן, האָט יענער אים גענומען שיקאַנירן, רודפן און נישט געלאָזט אים אויספירן זיינע פליכטן ווי אַן איבערזעצער; ווייטער: ברוך האָט באַשטימט פאַר א „דיין" איינעם לייזער דעם מעקלער, הגם יענער איז געווען א גרויסער עם־הארץ און האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען אין יידישע דינים. מיט איין וואָרט — דאָס זעלביקע בילד פון קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע.

ברוך, וואָס האָט שפּעטער געגראָבן אונטער שמעונען, איז אַליין אין דער גרוב אריינגעפאַלן; ער ווערט באַשולדיקט אין פעל־

(57) די דאָזיקע ידיעות וועגן פסח חיימאָוויטשעס באַטייליקונג אין דער באַרימטער אַקציע פון אויספועלן א רעפאָרם פון יידישן לעבן אין די צייטן פון פיריאָדיקן סיים שעפּן מיר פון ד״ר נ. מ. געלבערטס אַרטיקל אין Miesięcznik Żydowski (Żydzi a zagadnienie reformy Żydów na Sejmie Czteroletnim). נ׳ 10, 1931, ז׳ 337; נ׳ 11, 1931, ז׳ 429, 434.
(58) מסתמא: ברוך יואלס, אָדער ברוך בר׳ יואל.
(59) מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע, נ׳ 78, י׳ 1785.
(60) פינאַנץ־קאָמיסיע, אַפּט׳ 54, נ׳ 29, ז׳ 201.

שן געשטעמפּלט פּאַפּיר. אין יאָר 1792 באַמיט ער זיך צוריק צו באַקומען די שטעלע פון אַ סינדיק; אין זיין בקשה גיט ער זיך אָן פאַר גאָט די נשמה שולדיק: „ער איז דערווייטערט געוואָרן פון סינדיקאַמט דורך יידישע רשעות און גענג, ווייל ער האָט נאָכשפּיאָנירט גנבים און צונויפגעשטעלט רשימות פון יידן" (61). ברוך יאָלעוויטש האָט ווי אַ סינדיק געמאַכט זייער גוטע געשעפטן: שוין אין דריטן יאָר פון זיין אַמט איז ער געווען ביכולת צו שליסן מיטן טראָקער וואָיעוואָדע אַן אָפּמאַך וועגן דינגען זיין הויף אין וואַרשע פאַר אַ יערלעכער סומע פון 8.000 גילדן (62). ניט לאַנג אָבער האָבן געדויערט די גוטע יאָרן: ווי אַלע סינדיקעס האָט ברוך יאָלעוויטש געמוזט אָפּריכטן גלות אין תפיסה.

וועגן דעם ווייטערדיקן סינדיק שמעון שמולעוויטש פון אַפּט איז קיין סך נישט באַוואוסט. ער איז געווען סינדיק בסך־הכל פינף יאָר: 1788—1793. זיין געזעלשאַפטלעכע קאַריערע האָט ער אָנגעהויבן ווי אַ געשוואוירענער איבערזעצער פון דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע (63) און איבערזעצער ביי דעם פּראַגער סינדיק. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט איינמאָנען אייניקע שטייערן. פּונקט ווי די אַנדערע סינדיקעס איז אויך שמולעוויטש אַריינגעפאַלן אין תפיסה אונטער דער באַשולדיקונג אַז ער מיט זיין איידעם יאָסעק זאָלן האָבן אַ שייכות צו אַ באַנדע פעלשערס פון געשטעמפּלט פּאַפּיר און גאָלדשווינדלערס ( obrzynanie złota ). אין יאָר 1788 האָט מען אים אַרויסגעלאָזט פון תפיסה אויף קויציע (64), מיט אַ יאָר שפּעטער (65) איז ער נאָך אַ שבועה אין גאַנצן באַפרייט געוואָרן.

דער פערטער וואַרשעווער סינדיק לויט דער ריי האָט געהאַט אַ קורצע, דערפאַר אָבער שטורמישע קאַדענץ. דאָס איז געווען שלמה שאַיאָוויטש. זיין שטעלע האָט ער פאַרנומען פון יאָר 1793 ביז דעם 2טן אויגוסט 1794, ד"ה ביז צום קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד, ווען ער איז, מסתמא איבער פּאָליטישע טעמים, באַזייטיקט געוואָרן. אָבער במשך פון דער קורצער צייט האָט ער באַוויזן דערפירן צו אַ פּראָצעס קעגן זיך (66). אַלע יידן האָבן זיך אויף אים געקלאָגט. „ער איז אַן עם־הארץ — האָט מען געשמועסט — פאַרשטייט גאָרנישט אין רעליגיעזע ספרים, ער קען אפילו נישט אָנשרייבן קיין פּסק־דין און קען אים אפילו ניט דורכלייענען. אַז עס קומט צו אַן ענין פון 2 רויטע גילדן באַלאַמוטשעט ער צוויי און מער וואָכן". ער ווערט אויך באַשולדיקט אין אַרויסגעבן חשודיקע באַשטעטיקונגען. זיין וויצעסינדיק לעוועק דאַווידאָוויטש פון סאָכאַטשעוו געהערט גאָר פון פאַך נישט צו די לומדים, נאָר צו די בלעכערס; ער באַהאַלט אויס גנבים און חשודיקע פּערזאָנען וכדומה. מיט איין וואָרט — ווידער קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע.

דער לעצטער וואַרשעווער סינדיק, יאַנקל מאָשקאָוויטש, איז גלייך נאָך דעם דורכפאַל פון אויפשטאַנד אַנטלאָפן און זיין אָרט האָט פאַרנומען שלמה שאַיע אָדער שאַיאָוויטש.

די פּראַגער סינדיקעס האָבן אויך אַ היפּש ביסל חטאים אויף זייער געוויסן. וואָלף לייבאָוויטש פון לובאָמלע האָט אין יאָר 1773 באַקומען זיין אַמט אויפן סמך פון דער רעקאָמענדאַציע פון דער וועגנגראָווער קהילה. די פּראַגער יידן, וואָס איבער זיי האָט ער געוועלטיקט, באַהאַנדלט ער זייער שלעכט און שלאָגט זיי פּשוט מכות רצח. ער האָט צום ביישפּיל אַזוי צעשלאָגן דעם פּראַגער אַרענדאַר מענדל אַז דאָס געריכט האָט אים פאַרמשפּט צו אַ געלטשטראָף (67). דער גנב לעוועק פון שעברעשין האָט דערציילט אַז דער סינדיק וואָלף האָט אים ביי זיך אין שטוב געשלאָגן און צוגענומען די זאַכן (68). דאָס געריכט האָט אויך פעסטגעשטעלט אַז וואָלף לייבאָוויטש האָט זיך צוגענומען אַ פרעמדן פּוטער, און געהייסן דעם סינדיק אומקערן דעם אייגנטימער דעם ווערט פון פּוטער

61) עקאָנאָמישע אַקטן, נ' 1253, 6/30 1792.
62) אַבלאַטן פון וואַרשעווער גראָד, נ' 28, י' 1787.
63) פינאַנץ־קאָמיסיע, אָפּט' 54, נ' 29, פּ' 201.
64) עקאָנאָמישער פּראָטאָקאָל Protokół ekonomiczny. נ' 25, ז' 445, י' 1788 (וואַרשעווער פינאַנץ־אַרכיוו).
65) פינאַנץ־קאָמיסיע, אָפּט' 54, נ' 27, ז' 330, י' 1789.
66) עקאָנאָמישע אַקטן, נ' 874.
67) דעקרעטן פון דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע, נ' 62, ז' 285, י' 1775.
68) דאָרטן, נ' 69, י' 1779.

(69). עס זענען געווען נאָך אַנדערע אַזעלכע חטאים, און וואָלף לייבאָוויטש איז מסתמא אויך אַוועק פון זיין שטעלע ניט מיטן גוטן ווילן.

נאָך אים איז געווען לייזער קעלמאַנאָוויטש. ער האָט געהאַט אויף זיין קאָנטאָ נאָר איין פּראָצעס: מען האָט אים באַשולדיקט אַז ער האָט גענומען 15 רויטע גילדן ביים שעדלעצער שניידער הערש, וועמען מ'האָט געכאַפּט ביי אַ גנבה. דער סינדיק ברענגט אָבער קריסטלעכע עדות אַז די גביות־עדות פון די יידן זענען פאַלשע, מחמת זיי זענען אים שונאים, און נאָך אַ שבועה ווערט ער באַפרייט (70). נאָך אים קומט דער סינדיק אייזיק שמערלאָוויטש, וועלכער האָט פאַרנומען די שטעלע פון 1784 ביז 1793. לויט ווי עס באַשטעטיקן דריי דיינים, האָט שמערלאָוויטש ניט נאָר גוט געקענט לשון־קודש, „נאָר, וואָס ס'איז אַ זעלטנהייט ביי יידן, ער האָט אויך געקענט גוט איבערזעצן פון העברעאיש אויף פּויליש" (71). אָבער אויך אייזיק האָט געהאַט אויף זיך עטלעכע פּראָצעסן פאַר קאָרופּציע. אַזוי ווערט אין 1789 פאַרפירט קעגן אים אַ פּראָצעס אַז ער האָט זיך צוגענומען איינעם פון די דריי אָקסן וואָס מ'האָט געפונען נאָך אַ גנבה (72). דאָס געריכט באַפרייט דעם סינדיק; פון דעסט וועגן ווערט ער שפּעטער דערווייטערט פון זיין שטעלע. עס האָבן נישט געהאָלפן די טענות אַז ער האָט זייער פלייסיק אויסגעפירט זיינע התחייבותן: „אַ טייל האָבן איבער אים דאָס לעבן פאַרלוירן, אַנדערע זענען געזעסן אין תפיסה אין קאַמענעץ־פּאָדאָליער, אַ גרויסער טייל זענען צוליב אים פאַרטריבן געוואָרן". און באמת אַ סך פון זיינע ברידער זענען צוליב אים פאַרטריבן געוואָרן פון וואַרשע (73), אָבער זיין שטעלע פון סינדיק האָט ער צוריק ניט באַקומען.

צוקוקנדיק זיך צו די טרויעריקע פאַקטן וואָס מיר האָבן דאָ געבראַכט וועגן די יידישע סינדיקעס, קען מען פאַרשטיין די ווערטער פונעם מחבר פון „קאַטעכיזם" (74), הגם ער איז געווען אַן אַנטיסעמיט, אַז אַ סינדיק איז „אַ גנב פון העכסטן ראַנג". מיר וועלן אויך פאַרשטיין די ווערטער וואָס דער וואַרשעווער דאָקטאָר, דער אָנהענגער פון רעפאָרמעס פאַר יידן און גוטער קענער פון יידישן לעבן, דער באַקאַנטער זשאַק (יעקב) קאַלמאַנזאָן (75), האָט געשריבן וועגן די סינדיקעס:

L'intérét de la nation Juive reclame la méme sévérité contre les sindics, qui semblent, ainsi que les rabins, ne se proposer d'autre objet, que d'asservir toutes les corporations, de les retenir dans la dependance et de s'enrichir a leurs depens".

אמת איז אַז דער מחבר האָט דערמיט געמיינט די שתדלנים סינדיקעס אין פּוילן בכלל. עס לייגט זיך אָבער אויפן שכל אַז שרייבנדיק די דאָזיקע ווערטער האָט קאַלמאַנזאָן אין דער ערשטער ריי אין זינען געהאַט די דעמאָלט אַפילו אין דער ליטעראַטור באַקאַנטע וואַרשעווער סינדיקעס. בעת זיין אויפהאַלט אין וואַרשע האָט ער זיך מיט זיינע אייגענע אויגן געקענט איבערצייגן וואָס פאַר אַ צרה עס זענען געווען די סינדיקעס פאַר דעם וואַרשעווער יידנטום.

## 5. דעם סינדיקס געהילפן

דער באַאַמטן־אַפּאַראַט פון סינדיק איז געווען אַ גענוג גרויסער. ער איז באַשטאַנען פון אַזעלכע קאַטעגאָריעס:

1) שמשים; szkolnicy
2) דיינים; duchowni
3) איבערזעצער פון העברעאיש און יידיש אויף פּויליש; tłumacz przysięgły

69) דאָרטן, י' 1778.
70) מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע, נ' 69, י' 1781.
71) י. מ. נ' 11, ז' 73, י. 1784.
72) מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע, נ' 78, י' 1789.
73) עקאָנאָמישע אַקטן, נ' 1253, 18/6 1794.
74) „קאַטעכיזם וועגן יידן און משומדים" Katechizm o Żydach i neofitach.
75) וואַרשע 1796. J. Calmansohn, Essai sur l'etat actuel des juifs de Pologne et leur perfectibilite.

די שמשים זענען געווען די דירעקטע אויספירערס פונעם סינדיקס באפעלן, למשל נאכצושפיאנירן די גנבים און חשודיקע פערזאנען, און זענען געווען די היטער פון דער עפנטלעכער אָרדע־דונג. זייער אַ סך רעדט זיך אין די מקורים וועגן די עוולות פון די שמשים. די שמשים זענען נישט געווען בעסער ווי זייערע ברויט־געבערס.

די שמשים פלעגן פונאנדערטראָגן לאָרצעטלען awizacje אין יידישן געריכט און באקומען דערפאר „שכר" (76). נאָמינירן און אָפּזאָגן די שמשים האָט געקענט נאָר דער סינדיק, ער האָט אָבער געמוזט וועגן דעם מודיע זיין דעם מארשאלעק. לויט דער אָרדינאַציע פון יאָר 1788 זענען געווען 6 שמשים. גלייך נאָך דעם אונטערגאנג פון פוילן אין 1795 (77), האָט שוין דער סינדיק 11 שמשים, דערביי ווערן 5 אָנגערופן „שמשים ביי די דיינים", און 5 „שמשים אויף זוכן גנבות". ס'דוכט זיך אַז די איינטיילונג פון די שמשים אין צוויי קאַטעגאָריעס — אין אייגנטלעכע שמשים און שמשים־פּאָליציאנטן, גנבים־זוכערס — איז געווען אויך אינעם אומאָפּהענגיקן פוילן. פאַר אַ באַווייז קען אונדז דינען דער פאַקט וואָס איין שמש דערקלערט אַז במשך פון 10 יאָר איז ער געווען באַשעפטיקט ביים סינדיק מיט פארשרייבן חתונות, גטן וכדומה; הייסט עס אַז די איינטיילונג אין באַזונדערע קאַטעגאָריעס האָט עקסיסטירט נאָך פאַרן יאָר 1795.

די דיינים. זייער צאָל האָט לויט דער אָרדינאַציע פון יאָר 1788 באַטראָפן 4. לויט אַ צווייטער אינסטרוקציע (אָן אַ דאַטע) האָבן געזאָלט זיין נאָר 3 דיינים, און פאַקטיש איז טאַקע אַזוי געווען.

די אויפגאַבעס פון די דיינים זענען געווען פארשיידנאַרטיקע און זייער ברייטע, דהיינו: 1) געריכטלעכע, 2) מאָראַליש־רעליגיעזע, 3) קאָנטראָלירנדיקע: א) איבער דער טעטיקייט פון סינדיק און פון די שמשים, ב) קאָנטראָל איבער דער רשימה פון די אריין־און ארויס־פאָרנדיקע; 4) קוואַליפיצירנדיקע: א) ארויסגעבן קוואַליפיקאַציע־צייגענישן פארן סינדיק, ב) קוואַליפיקאַציע־צייגענישן פאַר עדות, 5) פארשיידענע הילפספונקציעס ביים סינדיק.

די געריכטלעכע פונקציעס (פונקט 1) ווערן ארומגערעדט ווייטער.

צום פונקט 2. די דיינים האָבן געהאַט השגחה איבער דעם מאָראַלישן מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג; זייער אויפגאַבע איז געווען צוציען צום געריכט יענע וואָס האָבן עובר געווען אויף די מאָראַלישע געזעצן, און אויך אַכטונג געגעבן אויף דער רשימה פון די צוגעפאָרענע יידן, וואָס דער סינדיק איז מחויב געווען צו פירן, און אויף זייערע פרנסות, אויפפירונג, וכדומה.

צום פונקט 3. אויף וויפל די דיינים באַמערקן אַז די רשימה פון סינדיק איז נישט קיין ריכטיקע, אָדער אַז דער סינדיק מיט די שמשים היטן נישט אָפּ זייערע התחייבותן, זענען זיי מחויב צו מעלדן וועגן דעם דער מאַכט. דעריבער מוז דער דיין יעדן טאָג דורכקוקן דעם סינדיקישן רייסטער און אונטערשרייבן אים.

צום פונקט 4. צו די אויפגאַבעס פון די דיינים האָט אויך געהערט ארויסצוגעבן די קאַנדידאַטן אויף דעם אַמט פון אַ סינדיק אַמט צייגענישן אַז זיי האָבן יענע קוואַליפיקאַציעס וואָס פאָדערן זיך פון אַ סינדיק, דהיינו: די באַהאַוונטקייט אין יידישע דינים, אויך די קענטעניש פון דער פוילישער שפּראַך (78).

מחמת דער שטאַרקער פאַרשפּרייטקייט פון די א"ג „יאָר־עדות" אויך אין יענע צייטן איז באַשלאָסן געוואָרן אַז קיין שום ייד טאָר נישט אָנגענומען ווערן פאַר אַ עדות אין געריכט, סיידן ער ברענגט אַ באַשטעטיקונג פון סינדיק און פון די דיינים אַז עדות־זאָגן איז נישט זיין פּראָפעסיע, ד"ה אַז ער איז נישט קיין יאָר־

76) אויב דאָס איז געווען ווייט פון שטאָט לעבן די „אַקאַפּעס" אָדער אויפן שילעין — פלעגן זיי באַקומען 20 פּעטענע גראָשן, אין נענטערע ערטער — 1 גילדענעם גראָשן. אויב דער שמש האָט די פערזאָן נישט געטראָפן און געמוזט קומען אַ צווייט מאָל, האָט ער נישט געקענט דערפאַר פאַרלאַנגען אַ צווייט מאָל באַלוינונג.

77) עקאָנאָמישע אַקטן, נ' 874, פון 14 אָקט' 1795

78) י. מ. נ' 11, ז' 3, י' 1784.

עדות. די אָרדינאַציע פון יאָר 1788 באַשטימט אַז ארויסגעבן אַ צייגעניש דעם חתן אַז ער האָט עקסיסטענץ־מעגלעכקייט און ממלא מעג ער חתונה האָבן האָט רעכט דער סינדיק. די אָרדינאַציע פון פּרעזידענט זאַקזשעווסקי (אָן אַ דאַטע) באַשטימט אַז טאָן דאַרפן עס דער סינדיק מיט די דיינים.

צום פונקט 5. דער פונקט פון דער אָרדינאַציע (אָן אַ דאַטע) באַשטימט אַז אויסער דער געריכטלעכער פונקציע זענען די דיינים מחויב צו קומען צו הילף דעם סינדיק אין אַלע אַנדערע ענינים. אויף יעדער פאַרבעטונג פון שמש דאַרפן זיי זיך גלייך שטעלן צום סינדיק.

דאָס רעכט צו נאָמינירן די דיינים האָט געהאַט דער סינדיק. אין פאַל ווען ער האָט געוואָלט אַדורכפירן געוויסע ענדערונגען אין דעם באַשטאַנד פון די דיינים איז ער מחויב צו מעלדן וועגן דעם דעם מארשאַלעק מיט אַ געהעריקער מאָטיווירונג.

צו דער דריטער קאַטעגאָריע באַאַמטע פון סינדיק געהערן די געשוואוירענע איבערזעצערס. זייער אויפגאַבע איז געווען איבער־צוזעצן פאַר פּריוואַטע פערזאָנען אַקטן פון העברעאיש און ייִדיש אויף פויליש; די דאָזיקע איבערזעצונגען האָבן געטראָגן אַן אָפי־ציעלן כאַראַקטער. זיי האָבן אויך געדאַרפט איבערזעצן אַלע פּסק־דינים פון יידישן געריכט וואָס זענען געגאַנגען אויף באַשטעטיקונג צום מארשאַלעק (79), און בכלל אַלע באַשטעטיקונגען פון די יידישע אינסטאַנצן. דער האָנאָראַר פון איבערזעצער האָט, לויט דער אָרדינאַציע פון יאָר 1784, באַטראָפן צוויי גילדן פון אַ בויגן פוילישער כתב, אָבער נאָר פון פאַרמעגלעכע. דער איבערזעצער פלעגט באַנוצט ווערן אויך פאַר אַנדערע עפנטלעכע פונקציעס, ווי למשל ביים אַדורכפירן די ציילונג פון יידן אין צוזאַמענהאַנג מיטן קאָפּשטייער (80), ביים איינמאָנען שטייערן אויף אויסבויען אין וואַרשע (81) קאַזאַרמעס וכדומה.

געוויינטלעך פלעגן די געשוואוירענע איבערזעצערס ביי די סינדיקעס אויספועלן אַז אויך אַנדערע אַמטן זאָלן זיי אָנגאַזשירן פאַר איבערזעצערס. אַזוי למשל האָט דער זייער רירעוודיקער שמעון שמולעוויטש, וואָס איז תחילת געווען אַ געשוואוירענער איבער־זעצער און שפּעטער געוואָרן אַ סינדיק, דערגרייכט אַז אויך די פינאַנץ־קאָמיסיע האָט אים אָנגאַזשירט פאַר אַן איבערזעצער, דער־ביי האָט ער אויסער זיין אַרבעט אין געריכט פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע געדאַרפט אויך דורכקוקן די יידישע ספרים און לוחות וואָס זענען געבראַכט געוואָרן צום אָפּשטעמפּלען אין דער צאָלקאַמער; ער האָט באַדאַרפט פעסטשטעלן, צי נאַרט מען נישט אָפּ דעם מלו־כה־אוצר דערמיט, למשל, וואָס עטלעכע טיילן פון איין ספר — זאָגן מיר פון חומש — ווערן אָנגעגעבן ווי איין ספר (82). אַ צווייטער איבערזעצער, שמואל וואָלפאָוויטש, איז געווען אָנגעשטעלט ביים סינדיק און אויך ביי דער פינאַנץ־קאָמיסיע (83), אונדז זענען באַקאַנט די נעמען נאָך פון צוויי אַנדערע איבערזעצערס ביי די סינ־דיקעס: לייזער קעלמאַנאָוויטש (אפשר דער געוועזענער פּראַגער סינ־דיק) און אברהם מייעראָוויטש, ביידע אין יאָר 1794 (84).

אַז מיר ריידן שוין וועגן איבערזעצערס, ווילן מיר דערמאָנען די נעמען פון צוויי אַנדערע יידישע אָפיציעלע איבערזעצערס וואָס ווערן אין די אַקטן דערמאָנט: שלמה קאַלמאַנזאָן, דער איבערזע־צער פון דער פּאָליציי־קאָמיסיע (85), מיט אַ יערלעכער פּענסיע פון 2.000 גילדן, און שמעון איזראַעלעוויטש פון זשוואַניעץ, אי־בערזעצער פון טערקיש אויף פויליש (86).

## 6. די יידישע יוריסדיקציע אין וואַרשע

די יידישע יוריסדיקציע אין וואַרשע איז אַדורכגעגאַנגען צוויי פאַזעס: 1) פון די 60ער יאָרן פון 18טן י"ה ביז צום יאָר

79) פינאַנצאַקטן, אַפּט' 54, נ' 29, ז' 201.

80) מעמאָראַנדום צו דער פינאַנץ־קאָמיסיע, נ' 34, ז' 343.

81) פינאַנצאַקטן, אַפּט' 54, נ' 29, ז' 201.

82) עקאָנאָמישער פּראָטאָקאָל. נ' 23, ז' 350, י' 1786.

83) דאָרטן, נ' 25, ז' 462, י' 1788, מעמאָראַנדום נ' 34, ז' 343.

84) עקאָנאָמישע אַקטן, נ' 1117, י' 1794.

85) פּאָליציי־קאָמיסיע פון ביידע פעלקער נ' 149, י' 1791.

86) עקאָנאָמישע אַקטן, נ' 1118, י' 1794.

1784; 2) פון 1784 ביז 1795. די ערשטע פּאַזע איז אונדז באַקאַנט נאָר פון די געריכטסאַקטן, דאָס מיינט פון דער פּראַקטיק. עס זענען אונדז אָבער נישט באַקאַנט די פאַראָרדענונגען פון דער מאַרשאַלעק־מאַכט וועגן דער יוריסדיקציע פון יענער צייט. וועגן דער צווייטער תקופה זענען פאַראַן הן אָרדינאַציעס פון דעם מאַרשאַלעק, הן פּראַקטישע ביישפּילן. קיין שטאַרק גרויסער חילוק צווישן דער ערשטער און צווייטער תקופה איז אין דעם פּרט נישט געווען; אין דער צווייטער תקופה לאָזט זיך מערקן אַ שטאַרקע אריינמישונג פון דער מאַרשאַלעק־מאַכט אין די ענינים פון יידישן געריכטס־וועזן, בעת אין דער ערשטער לאָזט זיך דאָס נישט פעסטשטעלן.

עס האָבן אין יענער צייט פאַר יידן עקסיסטירט צוויערליי געריכטן: sąd ordynacyjny

א) אַ בית־דין sąd sendyka אָדער דאָס געריכט פון סינדיק, אויך גערופן sąd duchowny żydowski

ב) אַ בוררות־געריכט sąd kompromissarski

דאָס בית־דין איז באַשטאַנען פון דעם סינדיק און 3 דיינים. דאָס דאָזיקע געריכט האָט געמשפּט: 1) רעליגיעזע ענינים, 2) ענינים וואָס זענען אָפּגעשיקט געוואָרן פון די מלוכישע געריכטס־אינסטאַנצן (ווי למשל פון מאַרשאַלעק־געריכט, פון געריכט פון נעשוואַוירענע און אַנדערע) דערפאַר וואָס די ענינים האָבן געדאַרפט געמשפּט ווערן לויטן יידישן דין. אויסער דעם האָבן צום סינדיק־געריכט געהערט (87) ענינים פון גנבות, אָנפאַלן, אַבאָרטן, געלטפעלשונגען און אַנדערע קרימינעלע פאַרברעכנס. צום סינדיק־געריכט פלעגן זיך אויך ווענדן קריסטן וואָס האָבן אָנגעקלאָגט יידן. דאָס רוב זענען עס געווען פאַלן פון מאַטעריעלע תביעות, ווי ענינים פון הובות, משכנות וכדומה.

אין ענינים ביז ר״ג (רויטער גילדן — 18 פּוילישע גילדן) איז דאָס סינדיק־געריכט געווען די לעצטע אינסטאַנץ און מען האָט נאָך דעם געריכט נישט געקענט אַפּעלירן צו דעם מאַרשאַלעק־געריכט, ביי ענינים איבער ר״ג איז די אַפּעלאַציע דערלויבט געווען.

די צדדים האָבן געהאַט רעכט צוצוגעבן צו איין „פריינד" פון יעדן צד, וועלכע האָבן צוזאַמען מיטן סינדיק און די דיינים ארויסגעטראָגן דעם פּסק־דין. דער באַשטאַנד פון דעם סינדיק־געריכט איז תחילת געווען ניט קיין שטענדיקער, ד״ה דער סינדיק פלעגט זיך צו יעדן ענין נעמען ספּעציעלע דיינים. שפּעטער איז באַגרענעצט געוואָרן דאָס דאָזיקע רעכט. דער צוזאַמענשטעל איז געוואָרן אַ סטאַבילער און איז פאַרפיקסירט געוואָרן דורכן מאַרשאַלעק, וועלכער האָט באַשטימט די דיינים. אַלע אורטיילן פון דעם סינדיק־געריכט פלעגן אָנגענומען ווערן מיט אַ מערהייט שטימען, ביי אַ גלייכקייט פון שטימען פלעגט דער סינדיק אריבערוועגן.

דאָס בוררות־געריכט איז באַשטאַנען פון סינדיק מיט די בוררים; אין די 80ער יאָרן איז דער סינדיק נישט געשטאַנען בראש פון בוררות־געריכט. די צדדים פלעגן אויסקלייבן צו צוויי בוררים פון יעדן צד, דעם סופּער־ארביטער (דעם שלישי) פלעגט מען באַשטימט דורך אַ גורל (87 בים). עס פלעגט אין יענע צייטן טרעפן אַז דער סינדיק איז געווען דער סופּער־ארביטער און די צדדים פלעגן זיך אויסקלייבן צו 2 דיינים (88).

צי די בוררים האָבן געדאַרפט האָבן ספּעציעלע קוואַליפיקאַציעס, איז נישט באַוואוסט. באַוואוסט איז אָבער אַז בעת די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען פלעגן די צדדים אונטערשטרייכן אַז זייערע בוררים זענען „באַהאַוונט אין יידישע ענינים" negotiorum judaicorum gnaros sive eruditos (89). דער שכר פאַר פּסקענען איז נישט געווען באַשטימט, די צדדים האָבן געקענט געבן דעם שכר לויט זייער איינזען. מיט דעם געלט האָבן זיך געטיילט דער סינדיק מיט די דיינים, דערביי האָט דער סינדיק באַ־

87) דעקרעטן פון דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע, נ׳ 56, ז׳ 49, י׳ 1768.
87 בים) פינאַנץ־קאָמיסיע, נ׳ 57, י׳ 1768־69.
88) דעקרעטן פון דער מאַרש״־יוריסדיקציע, נ׳ 49, י׳ 1763.
89) דאָרטן, נ׳ 63, ז׳ 294, י׳ 1784.



קומען אַ העלפט פון דער סומע, די צווייטע העלפט האָבן באַקומען די דיינים.

דער סינדיק האָט געמוזט פירן צוויי פּראָטאָקאָל־ביכער: אַ פּראָטאָקאָל־בוך פון די פּסק־דינים protokół dekretowy און אַ פּראָטאָקאָל־בוך פון דער אויספאָרשונג protokół inkwizycyjny די פּראָטאָקאָל־ביכער זענען געווען נומערירט און די צאָל זייטן איז געווען באַשטעטיקט דורכן ריכטער פון מאַרשאַלעק־געריכט. ביידע ביכער זענען געפירט געוואָרן אין 2 שפּראַכן: פּויליש און יידיש. צום סוף פון די ביכער האָט זיך געפונען אַן אינדעקס פון די פּסק־דינים serjarz dekretów דאָס געריכט איז מחויב געווען דורכצולייענען דעם עדות זיינע דערקלערונגען און דערנאָך האָט ער דאָס געדאַרפט אונטערשרייבן. אויך די פּסק־דינים האָט איינער פון די דיינים געדאַרפט קודם אריינשרייבן אין פּראָטאָקאָל, אַלע ריכטער האָבן אים דערנאָך אונטערגעשריבן און ערשט שפּעטער פלעגט מען דעם פּסק דורכלייענען פאַר די צדדים. קעגן דעם פּסק־דין האָט מען געקענט אַפּעלירן צום מאַרשאַלעק אין משך פון 3 טעג נאָכן ארויסטראָגן דעם אורטייל.

אַלע אָרדינאַציעס פון דעם מאַרשאַלעק באַשטימען אַז דער סינדיק האָט נישט קיין רעכט צו שטערן די צדדים זיך אויסצוגלייכן. אין אויסנעם זענען נאָר קרימינעלע ענינים, ביי וועלכע עס איז נישט דערלויבט קיין אויסגלייך

syndyk zaś w sprawach żadnych prócz kradzieży, rozboju i innych kryminalnych, zgody dobrowolnej stronom bronić niema.

אויך די דאָזיקע הסכמות און באַשלוסן פלעגן פאַרשריבן ווערן אין די פּראָטאָקאָל־ביכער.

אין דער אָרדינאַציע פון 1784 ווערט אין אַלגעמיין באַשטימט אַז קיין שום סיכסוך צווישן יידן טאָר נישט געמשפּט ווערן דורכן סינדיק־געריכט אָן דער דערלויבעניש פון דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע. אַלע פּסק־דינים וואָס זענען ארויסגעטראָגן געוואָרן אָן דער דערלויבעניש פון דעם מאַרשאַלעק ווערן באַטראַכט פאַר נישט גילטיק און די וואָס האָבן געפּסקנט, ווערן שטרענג באַשטראָפט.

די מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע, וואָס צו איר האָט מען געהאַט, ווי שוין אָנגעוויזן, דאָס רעכט צו אַפּעלירן ביי אַ סומע פון מער ווי 1 ר״ג, פלעגט די פּסק־דינים פון יידישן געריכט אַ מאָל באַשטעטיקן און אַ מאָל אָפּוואַרפן. אַזוי למשל באַשטעטיקט דאָס מאַרשאַלעק־געריכט דעם פּסק פון יידישן געריכט קעגן מענדל יאַקובאָוויטש פון לענטשיץ, וואָס ווערט באַשולדיקט אין פאַרנעמען זיך פּראָפעסיאָנעל מיט פאַלש עדות־זאָגן. אין איינציקע פאַלן אַנולירט דאָס מאַרשאַלעק־געריכט דעם משפּט פון יידישן געריכט און באַשטימט אַ נייע אויספאָרשונג (90).

אַז מיר רעדן וועגן די געריכטן פאַר יידן, איז כדאי דאָ צו דערמאָנען די רבנים וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין יענער צייט אין ווארשע און האָבן זיך דאָ פאַרנומען מיט פּסקענען שאלות און אויסגלייכן סיכסוכים, וואָס דאָס איז געווען קעגן דעם געזעץ. נישט אומזיסט קלאָגט זיך דער ווארשעווער סינדיק אין זיין ווענדונג צום קרוין־מאַרשאַלעק אַז די רבנים דערוועגן זיך געהיים צו באַנוצן זיך מיט דער מאַכט וואָס איז ביי זיי צוגענומען געוואָרן. (91).

דער ערשטער רב וואָס קערט וועלטן אין ווארשע אין די 60ער יאָרן און פאַרנעמט זיך אגב־אורחא אויך מיט פאַרשיידענע עסקים איז נאָטע (אָדער נאָטע הערשקאָוויטש) ווי ער רופט זיך אין די אַקטן (92), דער פּעטריקאָווער רב. גלייכצייטיק באַווייזט זיך אין ווארשע דער לעלאָווער רב פּסח (93) און דער קאָזשעניצער רב (94). אין די 80ער יאָרן הערט מען אין ווארשע וועגן גראָדזשיסקער רב אפרים, וועמען דאָס מאַרשאַלעק־געריכט פאַרווערט צו משפּטן סיכסוכים אין ווארשע; וועגן דעם קאָרטשעווער רב און דעם דאָמבראָווער רב אלכסנדר סענדער פון אַפּט. וועגן דעם לעצטן לייענען מיר,

90) י. מ. נ׳ 11, ז׳ 99, י׳ 1784.
91) דעקרעטן פון דער מאַרש״־יוריסדיקציע, נ׳ 52, ז׳ 165, י׳ 1763; דאָרט, נ׳ 55, ז׳ 172, י׳ 1767; דאָרט, נ׳ 49, י׳ 1763.
92) דאָרטן, נ׳ 48, ז׳ 164, י׳ 1762.
93) דאָרטן, נ׳ 51, י׳ 1764.

אַז ער האָט אַ נאָענטע שייכות צו אַ ניט־כשרן עסק פון שמואל זביטקעווער מיט נאָך עטלעכע רייכע יידן (95).

אין די 90ער יאָרן ווערט דערמאָנט דער גראָדנער רב אברהם־יעקב, וועמען די אַקטן שטעלן ארויס אין נישט קיין שיינעם ליכט. (96). אין יענע יאָרן געפינען זיך אין וואַרשע אויך דער אינאָוו־ראצלאווער רב אוויגדור חיימאָוויטש, וואָס שרייבט זיך אביגדור אב"ד בלובמלא, דער נאדאזשינער רב זעליק מענדלאָ־

(94 נאכפרייסישע אַקטן, נ' 487.
(95 פינאַנצאַקטן, אפט' 54, נ' 28, ז' 256, י' 1793.
(96 עקאָנאָמישע אַקטן, נ' 1123, י' 1794.

וויטש (97), דער שעדלעצער רב מאיר לעווקאָוויטש (98), און דער רב פון קאמענעץ־ליטעווסק בענעט אבראמאָוויטש (99).

אין פּראַגע קענען מיר נאָך איין רב בערקאָ. וועגן שעיהלע פּראגער אָדער חריף זענען נישט פאראַן קיין שום אָפּקלאַנ־גען אין די דאָקומענטן.

(97 עקאָנאָמישע אַקטן, נ' 7119, י' 1794.
(98 דאָרטן.
(99 ד"ר י. שיפּער: צו דער געשיכטע פון ראַבינאַט אין וואַרשע פון מיטן 18טן י"ה ביז צום טויט פון דוב בער מייזעלס (כתב־יד).

די דאָזיקע אַרבעט איז געשריבן אויפן סמך פון אַרכיוו-מקורים און נאָר אין איייניקע ערטער פאַררופן מיר זיך אויך אויף געדרוקטע מקורים. זי איז אַ טייל פון דעם צווייטן באַנד פון דער געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע (1527 - 1725).

זע מיין אַרטיקל אין די „היסטאָרישע שריפטן", ב' I (1929; אויספיר־לעכער אין מיין אַרבעט.

Żydzi w Warszawie od czasów najdawniejszych do roku 1527
וואַרשע, 1932.

אַרויסגענומען פון „היסטאָרישע שריפטן", צווייטער באַנד, היסטאָרישע סעקציע ביים „ייוואָ", ווילנע 1937.



יידישע גאַסן־הענדלער אין וואַרשע אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י"ה. (בילד פון א. פּיוואָרסקי)

מ. זאַקס (בוענאָס־אײַרעס)

# דער קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד און די ייִדישע באַטייליקונג אין קאַמף קעגן דער צעטיילונג פון פוילן

קאָשציושקאָס העלדישער אויפשטאַנד אין יאָר 1794, שוין ערב דער לעצטער צעטיילונג פון אַמאָליקן פוילן, איז אויסגעפאַלן אין אַ ביטערער צײַט פאַרן לאַנד. די שווערע לאַגע האָט זיך נישט גענומען מיט אַ מאָל, נאָר איז געווען אַ פועל יוצא פון אַ דורות לאַנגען פּאָליטישן כאַאָס, בײַ רעגירונגען מיט קעניגן בראש, וואָס זענען אַליין געווען אומּמעכטיק קעגן די תּקיפותדיקע מאַגנאַטן, וועלכע האָבן זיך נישט גערעכנט מיטן ווילן פון קעניג און האָבן אָפט מאָל געהאַט אייגענע אַרמייען — שטאַרקערע און בעסער אָרגאַניזירטע ווי די מלוכה־אַרמיי. דער פוילישער מלוכה־סיסטעם איז געווען אַ מאָנאַרכיסטישער, אָבער מיט אַ געוויילטן קעניג, וואָס האָט גאָרנישט געקענט טאָן אָן דער הסכּמה פון דער געזעצגעבערישער אינסטאַנץ — דעם סיים. מ׳דאַרף אָבער נישט מיינען אַז דער סיים האָט פאַרטראָטן די גאַנצע באַפעלקערונג פון לאַנד. פאַרטרעטערס צום סיים האָבן בלויז געקענט שיקן די אַדללייט, די „שליאַכטע“, אָבער נישט די שטאָטישע איינוווינערס, די „מיעשטשאַנעס“ און זיכער נישט די פויערים וואָס זענען אונטער דער „פּאַנשטשיזנע“ געווען דאָס לײַב־אייגנטום פון די פּריצים. פאַקטיש זענען אָבער די דעה־זאָגער אין סיים געווען די מעכטיקע מאַגנאַטן, וואָיעוואָדעס און העטמאַנען און זיי האָבן געהאַט צו זייער דינסט די קליינע אָדער פאַראָרעמטע שליאַכטע וואָס איז אָפט געווען בײַ זיי אויף קעסט און אויך גענאָסן פון זייער שוץ. אַזאַ גרויסער מאַגנאַט, — וואָס האָט געקענט זײַן דער אייגנטימער נישט נאָר פון דערפער, נאָר פון גאַנצע שטעט, — האָט זיך אַפילו נישט גענדאַרפט מטריח זײַן צו קומען אין סיים, אויב ער האָט נישט געהאַט קיין חשק, ווײַל דורך זײַנע מענטשן האָט ער געקענט אַרויסברענגען פּראָיעקטן צו באַהאַנדלען און באַקעמפן אַנדערע וואָס האָבן אים נישט געלוינט. פאַרן גרויסן פּריץ האָט נישט עקסיסטירט אַזאַ זאַך ווי די לויאַבאַרקייט פאַרן לאַנד און אויב עפּעס איז נישט געווען אין זײַנע אינטערעסן האָט ער עס מיט אַלע מיטלען באַקעמפט. אגב האָבן זיי אַפילו געקענט שאַפן אייגענע געזעצן אין זייערע שטעט און דערפער ווו די אײַנוווינערס זענען געווען זייערע אונטערטאַנען און יעדער מאַגנאַט האָט געקענט האַלטן אַז „דאָס לאַנד איז ער“ און דעריבער דאַרפן אָנגענומען ווערן נאָר זײַנע פאָרשלאַגן... די גרעסטע צרה וואָס האָט פאַראַליזירט די אַרבעטס־פעיִקייט פון סיים, איז געווען דאָס וועטאָרעכט פון יעדן סיים־מיטגליד („ליבערום וועטאָ“), וואָס האָט נישט דערלאָזט עס זאָל אָנגענומען ווערן אַפילו דער נויטווענדיקסטער פּראָיעקט.

מען דאַרף אָבער צוגעבן אַז אין די פריערדיקע צײַטן האָט מען בײַ דרינגענדיקע פּראָיעקטן נישט באַנוצט דאָס וועטאָרעכט און מ׳האָט אַלע מאָל געפונען אַ וועג ווי אַזוי איבערצוציגן די קעגנערס עס זאָל דערגרייכט ווערן די איינשטימיקייט פאַר אַ וויכטיקן געזעץ־פּראָיעקט.

דאָס אײַנפירן אַן אומבאַגרענעצט וועטאָרעכט איז אַנטשטאַנען אויפן סמך פון דער פאַלשער הנחה אַז פרײַהייט קען נישט דולדן קיין שום צווימען. דער קליינער שליאַכטשיץ האָט געהאַלטן אַז „אויף זײַן פאָלוואַרק איז ער גלײַך צום וואָיעוואָדע“ און דער וואָיעוואָדע, אָדער מאַגנאַט האָט זיך באַטראַכט גלײַך צום קעניג און האָט אויך געהאַלטן פאַר באַרעכטיקט צו האָבן אַן אייגענע אַרמיי, אַליין אויסצוטיילן גערעכטיקייט און נישט אָנקומען צו קיין געריכט און בכלל זיך נישט אונטערוואַרפן קיין שום הערשנדיקע געזעצן. דאָס האָט דערפירט צו אַנאַרכיע און ווילקיר, צו קעגנזײַטיקע איבערפאַלן און בלוטיקע קאַמפן צווישן קעגנערישע צדדים. און כאַראַקטעריסטיש איז, אַז דאָס האָט גורם געווען בײַ דער שליאַכטע אַ באַזונדערע „לעבנס־פילאָסאָפיע“ לויט וועלכער פוילן עקסיסטירט טאַקע אַ דאַנק דער אומאָרדענונג, אַ דאַנק אומפאַראַנטוואָרטלעכער הפקרדי־קער אַנאַרכיע. אין פויליש האָט עס זיך אויסגעדריקט אין דעם זאָג: „פּאָלסקאַ ניעזשאָנדעם סטאָי!“ און מען האָט טאַקע אַרגומענטירט אַז נאָר צוליב איר שוואַכקייט קען זיך אויפהאַלטן פוילן, ווײַל אַזוי האָבן די שכנישע מלוכות קיין מורא נישט פאַר איר און האָבן נישט קיין סיבה צו פירן מיט איר מלחמות... אין 17טן יאָרהונדערט איז דאָס הפקרות דערגאַנגען ביז לאָזן זיך אונטערקויפן פון אויסלענדישע מאַכטן און פאַרראַטן דאָס פאָטערלאַנד, אָבער דאָס איז געווען די אַרבעט פון די מעכטיקע הארן, און קיין מאָל נישט פון די פאָלקסמאַסן. דאַן האָבן די מאַגנאַטן זיך אויך אָנגעהויבן צו באַנוצן מיטן וועטאָ אין סיים, אַפילו בלויז צוליב אייפערזוכט צו אַן אַנדערן מער אײַנפלוסרייכן מאַגנאַט, אָדער צום קעניג, אויב ער האָט געהאַט אויף זײַן זײַט די עפנטלעכע מיינונג פון לאַנד. צום ערשטן מאָל איז באַנוצט געוואָרן אין סיים דער וועטאָ בעת דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אין אַ געפערלעכער לאַגע — דעם 9טן מאַרץ 1652. דאָס האָט געטאָן דער רעפּרעזענטאַנט שיטשינסקי אויפן באַפעל פון זײַן האַר — דעם גרויסן העטמאַן פון ליטע, ראַדזשיוויל. דער סיים האָט דאַן געמוזט איבערגעריסן ווערן און מען האָט נישט געקענט באַשטימען צו פאַרגרעסערן די אַרמיי, וואָס איז געווען אַ דרינגנדיקע נויטווענדיקייט אין אַ מאָמענט ווען דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אין מלחמה מיט כמיעלניצקין און עס איז אויך געווען אַ מלחמה־געפאַר מצד מאָסקווע און טערקיי(1) דאָס איז דאַן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ האַנדלונג לטובת פוילנס שונאים און ווי אַ פאַרראַט צום אייגענעם לאַנד. ס׳ברעכן אויס פויערים־אויפשטאַנדן אין אוקראַינע, אין קרוין־פוילן, און כדי זיי צו דערשטיקן שיקט רוסלאַנד מיליטער אויף דער ביטע פון די מאַגנאַטן (אין יאָר 1768).

אין 18טן יאָרהונדערט איז די לאַגע געוואָרן נאָך ערגער. עס איז געוואָרן אַ געוויינלעכע זאַך אַז מאַגנאַטן זאָלן אָננעמען מתּנות פון אויסלענדישע מאַכטן און די אַמבאַסאַדאָרן פון פּעטערבורג און בערלין האָבן באַקומען וואָס אַ מאָל אַן אַלץ גרעסערן אײַנפלוס אויף די פּוילישע רעגירערס, ביז עס איז דערגאַנגען צו דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן אין יאָר 1772. די איניציאַטיוו פאַר דער צעטיילונג איז געקומען מצד דעם פּרײַסישן קעניג פרידריך דעם צווייטן, וואָס האָט געמאַכט דעם פאָרשלאַג דער רוסישער צאַרין יעקאַטערינע, און ס׳איז נאָך צו דעם צוגענומען געוואָרן אַלס שותּף עסטרײַך. דאָס אָפּרײַסן מיט געוואַלד גרויסע שטיקער טעריטאָריע פון פוילן האָט זיך געניייטיקט אין דער לעגאַליזירונג פון סיים, וואָס איז צוליב דעם פאַררופן געוואָרן אויפן 19טן אַפּריל 1773. די האָפענונג פון די פּאַטריאָטן איז געווען אַז דורך אַ וועטאָ וועט מען צו נישט מאַכן דאָס גוטהייסן די צעטיילונג. עס איז אָבער דערצו נישט געקומען, ווײַל די מאַגנאַטן וואָס האָבן זיך געשטעלט צו דינסט די אינוואַדירערס פון פּוילישער טעריטאָריע, האָבן זיך

(1) פאַלן פון איבעררײַסן די סיים־באַראַטונגען דורך באַנוצן זיך מיטן וועטאָרעכט זענען שוין אויך געווען פריער, אָבער בלויז אין פרידנסצײַט ווען עס איז נישט געווען קיין דירעקטע געפאַר פאַרן לאַנד.

באנוצט מיט א פּראָצעדור וואָס מאכט ווערטלאָז דעם וועטאָ. לויט דער פּוילישער קאָנסטיטוציע פון יענער צײַט האָט דער סיים זיך געקענט פארוואנדלען אין א געזעצגעבערישער קערפּערשאַפט דורכצופירן א ספּעציעלן ענין. אין דער דאָזיקער קערפּערשאַפט אָדער „קאָנפעדעראציע" ווי זי האָט געהייסן, איז נישט געווען אָנווענדבאר דאָס וועטאָרעכט. אויפן גלײַכן וועג וואָלט, אָבער, די מאגנאטן נישט געווען מעגלעך צו שאפן די קאָנפעדעראציע און דעריבער האָבן זיי עס דורך זייערע מענטשן דורכגעפירט אויסער די מויערן פון סיים.

כאראקטעריסטיש פאר דעם דאָזיקן אײַנפיר, איז אָט דער פאקט: ווען די רעפּרעזענטאנטן זענען שוין געווען פארזאמלט אין סיים האָט זיך מיט א מאָל באוויזן דער דעפּוטאט פּאָנינסקי מיטן מארשאַלעק־שטעקעלע אין האנט, כאָטש דער סיים האָט אים נישט אויסגעוויילט פאר מארשאלעק (פּאָרזיצער). ער האָט א קלאַפּ געטאָן מיטן שטעקן אין דער ערד און אויסגערופן: „איך לייג אָפּ די זיצונג ביז מאָרגן, איך בעט ארויסגיין". עס איז געוואָרן א טומל און די מערהייט רעפּרעזענטאנטן זענען ארויס. רעיטאַן און נאָך צוויי דעפּוטאטן האָבן אויפגעפאָדערט די פארזאמלטע צו פארבלײַבן און אויסוויילן אויפן געזעצלעכן וועג א מארשאלעק. מען האָט זיי אָבער נישט געהערט און זיי זענען געווען די איינציקע וואָס זענען פארבליבן אין בעראַטונג־זאַל. אויפן צווייטן און דריטן טאָג האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע סצענע און יעדעס מאָל זענען די דרײַ געווען די איינציקע וואָס זענען פארבליבן אין בעראטונגס־זאַל. אויפן צווייטן און דריטן טאָג האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע סצענע און יעדעס מאָל זענען די דרײַ געווען די איינציקע וואָס זענען פארבליבן. ווען עס זענען א דורך די דרײַ טעג בעת וועלכע מען האָט געדארפט אויסוויילן א מארשאלעק, האָט שוין רעיטאַן געמוזט אויפגעבן דעם קאַמף.

דער סיים, פארוואנדלט אין א קאָנפעדעראציע מיט פּאָנינסקין בראש האָט באשטעטיקט די ערשטע צעטיילונג פון פּוילן. פּאָנינסקי האָט דערנאָך פון יעקאטערינען באקומען דעם טיטל פירשט און א פּענסיע פון 3000 דוקאטן א חודש.

שוין בײַ דער ערשטער צעטיילונג האָבן די אומצופרידענע צווישן דער שליאכטע געפּרוּווט זיך קעגנשטעלן די פארקויפטע מאגנאטן דורכן שאפן די אזוי גערופענע „בארסקער קאָנפעדעראציע" וואָס איז אָבער דורכגעפאלן נישט האָבנדיק די שטיצע פון די פּויערים און שטאָטלייט. פּוילישע פּאטריאָטן, וואָס האָבן געטראכט וועגן ראטעווען דאָס לאנד פון פולשטענדיקן אונטערגאנג, האָבן אײַנגעזען אז פריִער פאר אלעם איז נייטיק צו רעפאָרמירן די קאָנסטיטוציע, אז עס זאָל אָפּגעשאפט ווערן דער וועטאָ, אָבער די רוסישע צארין האָט גאראנטירט אז עס וועט גארנישט געענדערט ווערן אין הערשנדיקן סיסטעם, ווײַל עס האָט איר געלוינט די עקסיסטירנדיקע אנארכיע. דערצו האָט דער לעצטער פּוילישער קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט אין אלעם אויסגעפאָלגט די צארין און זאָל אפילו האָבן געווען אויסגעהאלטן פון איר. אָבער אין יאָר 1788 איז ספּעציעל פאררופן געוואָרן דער סיים, כדי צו רעפאָרמירן די קאָנסטיטוציע און דערמעגלעכן דאָס פארגרעסערן די ארמיי. כדי נישט צו דערלאָזן דער סיים זאָל אויפגעריסן ווערן, איז ער גלײַך נאָכן אויסוויילן א מארשאלעק פארוואנדלט געוואָרן אין א קאָנפעדעראציע. באלד איז אויך באשטימט געוואָרן צו פארשטארקן די ארמיי און צושטעלן די נייטיקע פאָנדן פון שטייערן פאר איר אויסהאלט. פיר יאָר האָט אָנגעהאלטן דער סיים און עס איז רעפאָרמירט געוואָרן די קאָנסטיטוציע אין זין פון אָפּשאפן דעם וועטאָ און אָננעמען באַשלוסן מיט א מערהייט שטימען. דעמאָלט זענען אויך אָפּגעשאפט געוואָרן פרײַע וואלן פון א קעניג און די קאָנפעדעראציעס גופא, וואָס האָבן זיך אָפט פארוואנדלט אין בלוטיקע קאמפן.

אין פארגלייך מיט דער פריערדיקער קאָנסטיטוציע איז די קאָנסטיטוציע פון דריטן מײַ 1791 געווען א סך ליבעראלער, כאָטש זי האָט דעם פּויער די לאגע נישט פארבעסערט. אָבער די מאגנאטן און העטמאנען איז זי נישט געווען צום הארצן און דעם 4טן מײַ 1792 זענען זיך אין פּאָטאָצקים אײַגענער שטאָט, טארגאָוויצע, צונויפגעקומען עטלעכע מאגנאטן מיט דער שליאכטע וואָס איז זיי געווען אונטערגעוואָרפן און האָבן דאָרט געשאפן א קאָנפעדעראציע צו „פארטיידיקן די אמאָליקע פּוילישע פרײַהייטן" און מ'האָט אויך געבעטן די „מיטהילף" פון דער צארין יעקאטערינע. דער אקט פון דער „טארגאָוויצער" קאָנפעדעראציע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פריִער אין פּעטערבורג דורך 14 פאררעטער וואָס אין זייער שפּיץ זענען געשטאנען דער קרוינהעטמאַן בראַניצקי, דער פעלדהעטמאַן זשעוווּסקי און דער גענעראל פּאָטאָצקי. אויף זייער רוף איז די צארין געקומען צו הילף דורך ארײַנשיקן אין לאַנד א גרויסע ארמיי און די פאררעטערס פון טארגאָוויצע האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן אין דער צארישער ארמיי, כדי „צוריקצושטעלן די אָרדענונג". מאסנווייז זענען דעמאָלט ארײַנגעטראָטן אין דער נאציאָנאַלער ארמיי די פּאטריאָטן כדי צו שטעלן א ווידערשטאנד דעם שונא.

פּלוצלונג איז מען געוווּיר געוואָרן אז דער קעניג סטאניסלאוו אויגוסט איז צוגעשטאַנען צו דער קאָנפעדעראציע, ווײַל ער האָט שוין סײַ ווי געהאלטן אלץ פאר פארלוירן, און ער האָט געהייסן דעם מיליטער גלייך אָפּשטעלן דעם קאמף. באקאנטע מיליטערישע אָנפירערס, ווי קאָשציושקאָ און פירשט יוזעף פּאָניאטאָווסקי, האָבן אלס פּראָטעסט דימיטירט און זענען אָפּגעפאָרן קיין אויסלאַנד. קורץ נאָך דעם האָבן רוסלאַנד און פּרײַסן דורכגעפירט די צווייטע צעטיילונג פון פּוילן (אין יאָר 1793). דעם 17טן יוני 1793 איז פאררופן געוואָרן דער סיים, שוין נישט אין ווארשע, נאָר אין גראָדנע, כדי צו באשטעטיקן די נײַע אנעקסיעס פון רוסלאַנד און פּרײַסן. דאָס איז געווען דער לעצטער סיים פון אמאָליקן פּוילן. אָבער דאָס מאָל שטעלן די רעפּרעזענטאנטן א שטארקן ווידערשטאנד, נישט געקוקט אויף דעם וואָס די געבײַדע איז געווען ארומגערינגלט מיט רוסיש מיליטער און וואָס א סך דעפּוטאטן זענען ארעסטירט געוואָרן. מיט גרויסע שוועריקייטן איז ענדלעך די צווייטע צעטיילונג באשטעטיקט געוואָרן דורכן סיים, אָבער די פּוילישע פּאטריאָטן מיט קאָשציושקאָן בראש האָבן אונטערגענומען א פארצווייפלטן קאַמף פאר דער אומאָפּהענגיקייט פון לאַנד.

די שווערע לאגע וואָס דאָס לאַנד האָט איבערגעלעבט אין יענעם מאָמענט איז ווינציק וואָס פארגרינגערט געוואָרן דורך די אָנגענומענע רעפאָרמען פון 4יאָריקן סיים. אגב זענען זיי אויך געקומען צו שפּעט און האָבן נישט באוויזן דורכגעפירט צו ווערן אין לעבן. לויט דער נײַער קאָנסטיטוציע האָט מען געדארפט פארגרעסערן די רעגולערע ארמיי אויף 100.000 מאַן, און עס זענען שוין אפילו באשטימט געוואָרן די שטײַערן צו פינאנצירן דעם פּראָיעקט. דאָס איז געווען דער ערשטער פאל אין דער געשיכטע פון פּוילן וואָס מען האָט געוואגט ארויפצולייגן שטײַערן אויף דער שליאכטע און אויפן קלער, וואָס זענען געווינט געווען אז דער גאנצער שטײַערלאסט זאָל פאלן אויף די פּויערים און אויף די שטאָטישע אײַנוווינער, באזונדערס אויף די ייִדן. אין אכט נעמענדיק אז די פּוילישע ארמיי אונטער דער הערשאַפט פון סטאניסלאוו אויגוסט פּאָניאטאָווסקי האָט געציילט בלויז 12.000 מאַן, בעת די ארומיקע פײַנדלעכע מלוכות האָבן געהאט ריזיקע ארמייען (פּרײַסן 145.000, עסטרײַך 200.000, רוסלאַנד 300.000), זעט מען ווי דרינגענדיק עס איז געווען דאָס פארגרעסערן די צאָל מיליטער. די שליאכטע האָט געדארפט צאָלן א צענטל פון אירע רווחים און דער קלער א צוואנציקסטל, אָבער ביידע האָבן אָנגעגעבן פאלשע חשבונות און דער סוף איז געווען אז די ארמיי איז נישט געשאפן געוואָרן. אָבער שוין בלויז די צוגעזאָגטע רעפאָרמען פון „גרויסן סיים" און די פּראָפּאגאנדע פון די אָנהענגער פון דער קאָנסטיטוציע פון 3טן מײַ, און באזונדערס דער פּאטריאָטישער רוף פונעם אָנפירער פון אויפשטאנד טאדעוש קאָשציושקאָ — וועלכער האָט דערוועקט גרויס ענטוזיאזם נישט נאָר בײַ דער פּאטריאָטישער און נישט־פארמעגלעכער שליאכטע און בײַ די שטאָטישע אײַנוווינערס, וואָס האָבן טאקע גענאָסן פון דער קאָנסטיטוציע, נאָר אויך בײַ די בעוולטע פּויערים און רעכטלאָזע ייִדן — האָבן גורם געווען א גרויסן צופלוס פון פרײַוויליקע פון אלע שיכטן וואָס האָבן זיך געשטעלט אונטער די באפעלן פון קאָשציושקאָן מיט די פּרימיטיווסטע וואָפן, העק און קאָסעס. דאָס איז אָבער געווען צו ווינציק כדי צו דערגרייכן א זיג קעגן אזא מעכטיקן שונא, בפרט נאָך אז דער ענטוזיאזם בײַ די פּויערים־מאסן איז גיך אָפּגעקילט געוואָרן שוין בלויז צוליב דעם וואָס מען האָט זיי נישט באפרײַט פון „פּאַנשטשינע" (לייבקנעכטשאפט) און נישט אוועקגעגעבן זיי די ערד וואָס זיי האָבן באארבעט — ווי דאָס האָט יאָ באוויזן דורכצופירן די גרויסע פראנצויזישע רעוואָלוציע כמעט אין דער זעלבער צײַט.

דער אײַנפלוס פון דער גרויסער רעוואָלוציע אויף די געשעע־

ניישן אין פּוילן איז געווען אומגעהײַער. די פּוילישע אָנהענגער פון דער מײַ־קאָנסטיטוציע וואָס האָבן געבילדעט דעם פּראָגרעסיוון לאַגער, אָדער די „פּאַטריאָטישע פּאַרטיי", זענען אַלע געווען אינספּירירט אין די לאָזונגען פון רעוואָלוציאָנערן פראַנקרײַך. דער פּאָרזיצער פון פּיריאָריקן סיים, אָדער „מאַרשאַלעק", איז געווען דער פּראָגרעסיווער שליאַכטשיץ סטאַניסלאַוו מאַלאַכאָווסקי. פון די „אויפגעקלערטע" שטאָטישע אײַנוווינער האָט זיך אַרויסגערוקט דער קעמפער און פּאָליטישער שריפטשטעלער סטאַניסלאַוו סטאַשיץ, און נישט נאָר האָט ער געפאָדערט גלײַכבאַרעכטיקונג פאַר די שטאָטישע אײַנוווינערס נאָר אויך דאָס אָפּשאַפן די פּאַנשטשינע. אָבער דעם לינקן פליגל אין סיים האָבן פאָרמירט די פּוילישע יאַקאָבינער, אָנגעפירט פון גלח און דעפּוטאַט הוגאָ קאָלאָנטײַ. זײַן הויז אין וואַרשע אויף סאָלעץ איז שפּעטער געוואָרן באַקאַנט ווי „קאָלאָנטײַס קוזשניע", ווײַל דאָרט זענען אויסגעשמידט געוואָרן לאָזונגען און פּראָגראַמען (געווען דאָרט א דרוקערײַ) און עס זענען אויך פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען. נאָך א באַרימטער יאַקאָבינער איז געווען דער שפּעטערדיקער העלדישער אָנפירער פון אויפשטאַנד יאַקוב יאַשינסקי. פאַרשטייט זיך אַז די יאַקאָבינער פון סיים האָבן אַלע געהערט צו דער שליאַכטע, ווײַל די שטאָטישע אײַנוווינערס האָבן ביז צו דער מײַ־קאָנסטיטוציע נישט געקענט אויסגעוויילט ווערן אַלס דעפּוטאַטן. קעגן דעם פּראָגרעסיוון לאַגער האָבן זיך אין סיים געפונען די רעאַקציאָנערן, די „אַלט־פּריצישע גרופּירונג" („סטאַראָנניצטוואָ סטאַראָשליאַכעצקיע"), אָבער אויך זיי האָבן געהאַנדלט אונטער דער ווירקונג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. מחמת דער מורא פאַר די געשעענישן אין פראַנקרײַך זענען זיי אײַנגעגאַנגען אויף געוויסע קאָמפּראָמיסן וואָס האָבן דערמעגלעכט אָנצונעמען אייניקע וויכטיקע רעפאָרמען. דאָס ביסל גוטס, וואָס די נײַע קאָנסטיטוציע האָט געגעבן, איז מעגלעך געווען אין פּריי־צישן פּוילן בלויז צוליב דער שרעק פאַרן רעוואָלוציע־געשפּענסט. אָבער ווי נאָר עס זיגט די „טאַרגאָוויצע" מיט דער הילף פון צאַרישן מיליטער ווערט אָפּגעשאַפט די קאָנסטיטוציע פון 3טן מײַ און די שטאָטלײַט פאַרלירן זייערע דערוואָרבענע רעכט.

פּונקט ווי אין פראַנקרײַך זענען געווען פאַרשידענע שטרעמונגען צווישן דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע, איז אויך אין פּוילישן רעוואָלוציאָנערן לאַגער נישט געווען קיין אײַנשטימיקייט. קאָלאָנטײַ איז טאַקע געווען פאַר אַלגעמיינער גלײַכהייט, פאַר באַפרײַען די פּויערים און זיך שטיצן אינעם אויפשטאַנד פון די פאָלקסמאַסן, אָבער א גרויסער טייל — און נישט נאָר די שליאַכטע, נאָר אויך די שטאָטלײַט, באַזונדערס די פאַרמעגלעכע — איז געווען קעגן אַרײַננעמען די פּויערים אין דער אַרמיי און פאַר שאַפן אַן אַרמיי בלויז פון דער שליאַכטע און פון די שטאָטישע, וואָס זאָלן קענען זײַן אַן אָפּהאַלט קעגן צו־ראַדיקאַלע האַנדלונגען. אין פראַנקרײַך זענען אָבער די רעוואָלוציאָנערע קליינבירגער, פון וועלכע עס זענען געקומען דער גרעסטער טייל יאַקאָבינער, געווען א גרויסער כוח און דערפאַר האָבן זיי נישט נאָר געקענט ברענגען צו דער מאַכט דעם נײַעם דריטן שטאַנד, נאָר אויך פולשטענדיק אָפּשאַפן דעם פעאָדאַליזם מיטן לײַב־אייגנטום און די פּריווילעגיעס פון אַדל, און דערלאַנגען — ווי עס האָט זיך אויפן מאָמענט אויסגעדאַכט — א טויטקלאַפּ דער מאָנאַרכיע און דעם קלער.

אַן אַנדער זאַך איז וואָס די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געזיגט דער עיקר קעגן די אויסערלעכע שונאים וואָס האָבן זי געזוכט צו דערשטיקן, אָבער א סך וויניקער קעגן אינערלעכן שונא... זענען דאָך דאַן אַרויסגעטראָטן קעגן פראַנקרײַך די אַרמייען פון עסטרײַך און פּרײַסן און געליטן א מפּלה, און אויב די צאַרישע אַרמיי האָט נישט געטון דאָס זעלבע איז עס דאָך נאָר געווען דערפאַר וואָס מען האָט זי געדאַרפט שיקן קיין פּוילן צו דערשטיקן דעם קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד. דעריבער טאַקע האַלטן די היסטאָריקער פון נײַעם פּוילן, אַז דאָס פּוילן פון סוף אַכצנטן י"ה האָט מיט איר פאַלן באַשיצט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע (2). וואָס שײַך אָבער דעם אינערלעכן פראָנט איז נאָכן זיג פון דער רעוואָלוציע די מאַכט סוף כל סוף איבערגעגאַנגען צו דער פראַנצויזישער גרויס־בורזשואַזיע, וואָס האָט אומגעבראַכט די אמתע רעוואָלוציאָנערן און צוגעגרייט א וועג פאַר א נײַעם באַשיצער פון איר

(2) זע „געשיכטע פון פוילן" פון שיינברענער—מיסאַלאָווא, וואַרשע 1951.

דערוואָרבענעם אומגעהײַערן פאַרמעגן — פאַר דער נײַער באָנאַפּאַרטישער מאָנאַרכיע.

אָבער אין פּוילן פון יענער צײַט איז אַלץ געבליבן ווי פריִער: די פּריווילעגיעס בײַם אַדל און די פּויערים פאַרשקלאַפט דורך דער פּאַנשטשינע. עס זענען ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן די חלומות פון קאָלאָנטײַען און אפילו נישט פון זײַנע פאָרגייער, ווי דעם „אויפגעקלערטן" סטאַניסלאַוו קאָנאַרסקי, וועלכער האָט נאָך מיט א האַלב יאָרהונדערט פריִער געפאָדערט צו פאַרבעסערן די לאַגע פון פּויער, נישט צו דערלאָזן דאָס אַרײַנמישן זיך פון פרעמדע מאַכטן און אויך נישט דאָס פאַרקויפן זיך פון די מאַגנאַטן. ער פאָדערט אויך דאָס אָפּשאַפן דעם וועטאָ און די וואַלן פון קעניגן און דאָס אַלץ ברענגט ער אַרויס אין זײַן ווערק „וועגן א ווירקזאַמען סיסטעם פון באַראַטונגען" (אָ סקוטעטשנים ראַד ספּאָסאָביע") וואָס האָט אין זײַן צײַט געמאַכט א גרויסן רושם בײַ דער קליינער צאָל „אויפגעקלערטע" אין א לאַנד וואָס איז נישט נאָר אין פּאָליטישן זין נאָר אויך גײַסטיק געווען שטאַרק אָפּגעשטאַנען, בפרט אונטער דער הערשאַפט פון די צוויי זאַקסישע קעניגן (אויגוסט דער צווייטער און דער דריטער) פון דער ערשטער העלפט פון אַכצנטן י"ה און אויך שפּעטער ביזן אויפשטייג פון סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי אין 1764.

אין פעאָדאַלן פּוילן זענען די שולן געווען אויסשליסלעך פאַר דער פּריווילעגירטער שליאַכטע, און שטאָטישע אָדער פּויערישע קינדער האָבן צו זיי נישט געהאַט קיין צוטריט. די דאָזיקע שולן זענען דורכויס געווען רעליגיעזע, אָנגעפירט פון די יעזויִטן און מיט לאַטײַן אַלס אונטערריכטס־שפּראַך. עס האָט געהערשט אין די שולן דער גײַסט פון מיטל־עלטער און דאָס ביסל וועלטלעכע וויסן וואָס מען האָט געגעבן איז אויך געווען אין הסכם מיטן רעאַקציאָנערן קוק און מיט די קלעריקאַלע אינטערעסן פון דער קירך. זיכער האָבן די שולן נישט געקענט דערציִען קיין באַוווסטזיניקע מענטשן וואָס זאָלן פאַרשטיין די וועלט און דאָס לעבן (3). און דערפון האָט זיך אויך גענומען די איגנאָראַנץ און קורצזיכטיקייט פון דער מערהייט פון דער שליאַכטע, אפילו פון דער גאָר פאַראָרעמטער, וואָס האָט בלינד נאָכגעפאָלגט די גרויסע פּריצים און דעם קלער, כאָטש דאָס איז געווען אין סתירה צו איר אייגענע אינטערעסן. אַן ענדערונג איז ערשט פאָרגעקומען אין 1773 ווען דער פּויפּסט, געצוווּנגען אונטערן דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג, האָט אָפּגעשאַפט דעם פינצטערן יעזויִטישן אָרדן, און דאַן זענען אין גאַנץ פּוילן געשלאָסן געוואָרן די יעזויִטישע שולן. דער פאַררופענער סיים האָט נאָך אין זעלבן יאָר געשאַפן די אַזוי גערופענע „נאַציאָנאַלע דערציִונג־קאָמיסיע", וועמען עס ווערט איבערגעגעבן די אויפגאַבע צו רעאָרגאַניזירן דאָס שולוועזן. בראש פון דער קאָמיסיע, צו וועלכער עס גייען איבער אַלע יעזויִטישע גיטער אין פּוילן, ווערט געשטעלט דער שוין דערמאָנטער פּאַטריאָטישער גלח און שפּעטערדיקער ראַדיקאַלער פירער הוגאָ קאָלאָנטײַ. גרויסע ענדערונגען קומען איצט פאָר אין דערציִונג־וועזן. נישט נאָר ווערן אַרײַנגענומען אין די שולן וועלטלעכע לימודים נאָר עס ווערן אויך צו זיי צוגעלאָזן קינדער פון מיעשטשאַנעם" און אפילו פון פּויערים. אויך די אונטעררעכט־שפּראַך ווערט געביטן פון לאַטײַן אויף פּויליש, וואָס איז פאַר אַלע פאַרשטענדלעך. אוודאי רופט דאָס אַרויס קעגנערשאַפט בײַ דער שליאַכטע וואָס שיקט נישט אויס פּראָטעסט אירע קינדער אין די „פּלעבעיִשע" שולן און זוכט צו שאַפן אייגענע קנעלונגען אויף לאַטײַן מיט גלחים אַלס מלמדים. אָבער פאַר די שטאָטישע און דאָרפישע קינדער הייבט זיך איצט אָן א נײַ לעבן.

די דאָזיקע ענדערונגען זענען אויך אין איינקלאַנג מיט דער אויפגעקלערטקייט פון קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט און פון אייניקע מאַגנאַטן, וואָס זענען באַאײַנפלוסט פון מערב אייראָפּע און האַלטן אויך פאַר לויִנבאַר געוויסע מערב אייראָפּעיִשע אײַנפירונגען אין אייגענעם לאַנד. דאָס האָט אויך גורם געווען בײַ אייניקע מאַגנאַטן צו גרויסע אינדוסטריעלע פאַרמעסטן לויטן מוסטער פון פראַנקרײַך און ענגלאַנד.

זיכער איז שוין אין די פּוילישע שטעט, ווי קראָקע, וואַרשע,

(3) די גרויסע פּריצים און מאַגנאַטן, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַז זייערע קינדער זאָלן אויסוואַקסן עם־הארצים, האָבן געשיקט זייערע זין קיין אויסלאַנד שטודירן.

פויזנע אַ סך פריִער אָנגעגאַנגען די אויסאַרבעטונג פון אַ גרויסער צאָל אַרטיקלען דורך די פאַרשידענע פאַכן, אָרגאַניזירטע אין צעכן. אין 18טן י״ה זעען מיר שוין בײַ די פאַכן דעם אָנהייב פון אַן אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון אַזעלכע מאַנופאַקטורן, ווי טוך, לייוונט, לעדער, טיכער, פאַסקעס, שיך, פאַפּיר און אויך אַגראַר־געצײַגן, אָבער אַלץ נאָך אין אַ קליינעם מאַסשטאַב. די גרויסע פריצים האָבן עס געוואָלט מאַכן אויפן גרויסן שטייגער. זיי האָבן אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן איבער הויפּט לוקסוס־אַרטיקלען וואָס מען האָט אין פּוילן נישט באַקומען און געדאַרפט ברענגען פון אויסלאַנד. אגב האָבן זיי געהאַט די פּריווילעגיע נישט צו צאָלן קיין אימפּאָרט־שטײַער פאַר די אַרטיקלען. זיי האָבן אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן טײַערע פאַסן, פאָרצעלאַן, זײַד, לוקסוסיעזע בראָקאַטן (שטיקערײַ), אָבער די אַלע אַרטיקלען האָבן געהאַט אַ שוואַכן אָפּגאַנג אין לאַנד צוליב דער באַגרענעצטער צאָל רײַכע אײַנקויפער און די אונטערנעמונגען (ווי אין דער געגנט פון גראָדנע און בריסק) האָבן זיך גיך געמוזט שליסן. אָבער אויך די דאָזיקע אינדוסטריעלע פאַרמעסטן זענען נישט געווען קיין פריצישער קאַפּריז, נאָר האָבן געהאַט אַן עקאָנאָמישן אונטערשלאַק. די סיבה פאַר וואָס די גרויסע פריצים האָבן זיך דערטראַכט צו נײַע אינוועסטיציעס איז געווען דאָס פאַרקלענערן זיך פון זייערע רווחים צוליב דעם ווידערשטאַנד וואָס עס האָט געשטעלט קעגן דער אומגעהײַערער עקספּלואַטאַציע סײַ די שטאָטישע, סײַ די דאָרפישע באַפעלקערונג. די פאַנשטשיזנע פאַרשקלאַפט וואָס אַמאָל מער דעם פּויער און ער בונטעוועט זיך, ווײַל נישט מער אַרבעטן פאַרן פּריץ. אין די שטעט האָבן שוין די מאַגנאַטן אײַנגעפירט צו נעמען בלויז צינדזן בײַ די אײַנוווינערס און דערפאַר זיי געבן אַ געוויסע זעלבשטענדיקייט דורך זייערע צעכן. דאָס האָט באַגינסטיקט דער אַנטוויקלונג פון די מלאכות און אינדוסטריעס, און דער שטאָטישער בירגער איז געווען צופרידן פון זײַן גרעסערער פרײַהייט. אייניקע פריצים האָבן אויפן זעלבן אופן געפּרוּווט ראַטעווען זייערע רווחים: זיי האָבן באַפרײַט זייערע פּויערים פון לײַב־אייגנטום און בלויז גענומען בײַ זיי צינדזן פאַר די שטיקלעך ערד וואָס זיי האָבן באַאַרבעט. אַזעלכע פּרוּוון זענען אָבער געווען גאַנץ ווייניק, ווײַל די פריצים האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון פאַנשטשיזנע און פאַרלירן דעריבער די פּריווילעגיע פון אומבאַגרענעצטן עקספּלואַטירן שקלאַפן. דער סוף איז געווען אַז אַ סך פּויערים האָבן זיך צעבונטעוועט און די פריצים האָבן געזען כסדר פאַרקלענערט זייערע רווחים.

די מאַגנאַטן וואָס האָבן אויפגעשטעלט פאַבריקן האָבן טאַקע געהאַט אין זינען צו באַנוצן זייערע באַפרײַטע פּויערים ווי ביליקע אַרבעטסהענט, ווײַל דאָס באַנוצן זיך מיט געכאַפּטע שלעפּערס, בעטלערס און יתומים, וועלכע מען האָט געצוווּנגען צו אַרבעטן — און דאָס האָבן אויך געטון די שטאָטישע אונטערנעמערס צוליב מאַנגל אין אַרבעטסהענט — האָט נישט געגעבן די געהעריקע רעזולטאַטן. די פאַבריקלוינען זענען געווען אַזעלכע קליינע אַז די מאַגנאַטן האָבן אָפּט געמוזט אָנווענדן געוואַלד כדי צו צווינגען זייערע פּויערים צו אַרבעטן. אין די שטעט האָט זיך פאַרנומען מיט כאַפּן פאַרוואָרלאָזטע יתומים, שלעפּערס און בעטלערס די פּאָליציי גופא און זי האָט זיי אַליין אַוועקגעפירט אויף אַרבעט אין די וואַרשטאַטן און פאַבריקלעך. אין די שטעט איז געווען אַזאַ שאַרפער מאַנגל אין אַרבעטסהענט אַז מען האָט אפילו יִידן געפּרוּווט אַרײַנציִען אין פאַבריק־אַרבעט, אָבער וועגן דעם וועלן מיר נאָך באַזונדער רעדן.

אין קעגנזאַץ צו די ס׳רוב דורכגעפאַלענע פּרוּוון פון אינדוסטריאַליזאַציע מצד די מאַגנאַטן און דעם קעניג גופא, אַנטוויקלט זיך די אינדוסטריע ביסלעכווײַז און מיט זיכערע טריט אין די שטעט. געוויס טרעפן אַן די שטאָטישע וואַרשטאַטן און פאַבריקלעך גרויסע שטערונגען מצד דער פעאָדאַלער רעגירונג וואָס האָט אין זינען בלויז די אינטערעסן פון פּריווילעגירטן קלאַס און די גאַנצע לאַסט פון דער מלוכה וואַרפט זי איבער אויף די שטאָטישע און דאָרפישע אײַנוווינערס. אַזוי קענען נישט די שטאָטישע בעל־מלאכות און אינדוסטריאַלן אויפן געוויינלעכן וועג אַרויספירן זייערע אויסגעאַרבעטע אַרטיקלען קיין אויסלאַנד, ווײַל דער לעגאַלער עקספּאָרט ווערט אויסערגעוויינלעך באַשווערט צוליב די גרויסע שטײַערן. דערקעגן דאַרפן די פריצים נישט צאָלן קיין שום שטײַער פאַר די אימפּאָרטירטע לוקסוסזאַכן פון אויסלאַנד. אַזאַ שטײַערן־פּאָליטיק איז נאָר מסוגל צו רויִנירן די עקאָנאָמיק פון לאַנד, און אויב די שטאָטישע אינדוסטריע האָט זיך דאָך דורכגעשלאָגן אַ



וועג, איז עס געווען מיט גרויסער מי און קרבנות. גאַנץ גינסטיק פאַר דער נאַציאָנאַלער אינדוסטריע האָט זיך אַרויסגעוויזן דאָס פאַרבײַטן די פאַנשטשיזנע בײַ אייניקע מאַגנאַטן אויף צינדזן. די פּויערים פון אַזעלכע דערפער האָבן זיך גאָר מיט אַן אַנדער חשק גענומען צו באַאַרבעטן זייער ערד און אַ דאַנק די אָפּשפּאָרונגען וואָס זיי האָבן באַוויזן צו מאַכן זענען זיי אין ניכן געוואָרן גוטע קליִענטן פון די שטאָטישע אויסאַרבעטונגען. דאָס האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן אין די אַרומיקע שטעט לעבן די האַלב און גאַנץ באַפרײַטע דערפער, און ווען מען נעמט אין אַכט אַז עס זענען געווען מאַגנאַטן וואָס האָבן געהאַט צו צענדליקער דערפער, ווערט קלאָר אַז די צאָל באַפרײַטע פּויערים פון פאַנשטשיזנע (אין גאַנצן אָדער טיילווײַז) איז געווען אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע. דאָס האָט, אָן ספק, דערהויבן די קאָנסום־פעִיקייט פון אינערלעכן מאַרק און איז געווען אַ סטימול פאַר דער שטאָטישער אינדוסטריע. קיין דעצידירנדיקער פאַקטאָר האָט עס אָבער נישט געקענט ווערן ווײַל, לײַדער, זענען געווען ווייניק אַזעלכע פאַרשטענדלעכע פריצים וואָס זאָלן אײַנזען די לוינבאַרקייט פאַר זיך גופא צו פאַרבײַטן די פאַנשטשיזנע בײַ זייערע פּויערים אויף צינדזן. פאַראַן אויך אַזעלכע עקשנותדיקע פריצים וואָס ווילן בעסער אַליין גיין צו גרונט איידער נאָכקומען די פאָדערונגען פון דער צײַט און אָפּשאַפן אויף זייערע מאַיאָנטקעס דאָס לײַב־אייגנטום. אַ טייל פון זיי זוכט זיך צו ראַטעווען פון זייער שלעכטער לאַגע דורך פאַרבינדן זיך מיט די שטאָטישע סוחרים און אינדוסטריאַלן מיט וועלכע זיי גרינדן בשותפות קרעדיטבענק, האַנדלס־פירמעס און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. פון די אַרויפגעאַרבעטע בעל־מלאכות, רײַכע סוחרים און אינדוסטריאַלן אַנטשטייט די שטאָטישע בורזשואַזיע, וואָס זוכט מיטן אָרט לעבן נאָכצומאַכן דער שליאַכטע און פאַרבינדט זיך גערן מיט איר. די דאָזיקע דערנענטערונג איז גורם אַז די שליאַכטע זאָל ענדערן איר בליק אויף די שטאָטישע אײַנוווינערס און דאָס דערפירט צום שפּעטערדיקן שאַפן דעם פּראָגרעסיוון בלאָק פון שליאַכטע און מיעשטשאַנעס, פון וועלכן עס זענען אַרויסגעקומען אַזעלכע ראַדיקאַלע פירערס ווי סטאַשיץ און קאָלאָנטײַ.

אָבער דער שטאַרקסטער קלאַפּ פאַר דער פּוילישער אינדוסטריע און האַנדל און פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג בכלל איז געקומען אין דער צײַט פון סטאַניסלאַוו אויגוסטס הערשאַפט דורך די פּאָליטישע געשעענישן. די מיליטערישע אינטערווענצן פון די פײַנדלעכע מלוכות האָבן אויסגערויבט און רויִנירט דאָס לאַנד. אין אַ סך ערטער האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס נאָרמאַלע לעבן, די אַרבעט, דער האַנדל און איבער הויפּט האָט געליטן וואַרשע ווען זי איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די פּרײַסן און אָפּגעשניטן פון גאַנצן הינטערלאַנד. די פאַבריקן און געשעפטן אין דער הויפּטשטאָט זענען געווען פּאַראַליזירט, ווײַל צוליב דער נײַער גרענעץ האָבן די וואַרשעווער מאַנופאַקטורן נישט געקענט דערגיין צום אינערלעכן מאַרק. און דער דאָזיקער קלאַפּ האָט נישט אַזוי גיך געקענט פאַרהיילט ווערן! פאַרשטענדלעך אַז פון אַזאַ ביטערער עקאָנאָמישער לאַגע האָט צום מײַנסטן געליטן די פּוילישע אָרעמקייט. עס איז אַנטשטאַנען אַרבעטלאָזיקייט און עס האָט זיך שטאַרק פאַרמערט די צאָל בעטלערס און שלעפּערס איבערן גאַנצן לאַנד.

וואָס שײַך די יִידן, איז זייער לאַגע אין יענער צײַט געווען פּשוט אַ פאַרצווייפלטע, כאָטש אויך פאַרן אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן קריזיס האָבן זיי נישט ווייניק געליטן צוליב זייער רעכטלאָזיקייט און ספּעציעלע אַנטי־יִידישע געזעצן. לויט די פאָרשונגען פון ד״ר ר. מאַהלער זענען די יִידן אונטער דער הערשאַפט פון קעניג פּאָניאַטאָווסקי באַשטאַנען פון צוויי דריטל שטאָטישע און איין דריטל דאָרפסלײַט. די שטאָטישע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל, מלאכה, שענקערײַ און פרײַע פּראָפעסיעס, די דאָרפישע — מיט פאַכטערײַ, קרעטשמערײַ, אַרענדע, ברויזן און מלאכות. די אויסנאַם־געזעצן קעגן יִידן זענען באַשטאַנען אין אַרויפצוווּנגען אויף זיי ספּעציעלע הויכע שטײַערן און פאָדערן פון זיי קאָפּגעלט. דערצו האָבן זיי נאָך געדאַרפט צאָלן ספּעציעלע שטײַערן דער אייגענער קהילה און דאָס האָט זיך באַזונדער שווער געלייגט אויף דער יִידישער אָרעמקייט. אין די שטעט האָבן די יִידן געליטן רדיפות פון די קריסטלעכע אײַנוווינערס, די מיעשטשאַנעס, וועלכע האָבן געזען אין זיי קאָנקורענטן. און אין וואַרשע האָבן יִידן געקענט נאָר וווינען ווען זיי האָבן אויסגעקויפט ספּעציעלע „טאָגצעטלען". אין די דערפער האָבן די יִידישע קרעטשמערס און פאַכטערס געדאַרפט צאָלן הויכע אַרענדע און ווען זיי האָבן נישט געקענט נאָכקומען די חובות

האָט דער פריץ זיי אַרויסגעטריבן. די פאַרטריבענע ייִדן פון דאָרף זענען אַוועק אין די שטעט און האָבן דאָרט פאַרגרעסערט די צאָל דעקלאַסירטע און בעטלערס. די שרעקלעכע לאַגע פון די ייִדן האָט אפילו געפונען אַן אָפּקלאַנג אין סיים פון יאָר 1775, ווו די דעפּוטאַטן האָבן, נאָך לאַנגע דיסקוסיעס, אָנגענומען אַ פּראָיעקט צו אינדוסטריאַליזירן און אַגראַריזירן די ייִדן. זיכער האָבן דאָס די פריצים געטון נישט בלויז אויס מיטלייד צו די געליטענע ייִדן, נאָר זיי האָבן דערין געזען אַן עקאָנאָמיש געווינס. אין יענער צייט זענען געמאַכט געוואָרן אינדוסטריעלע פּרוּוון פון די מאַגנאַטן און זיי האָבן זיך גענייטיקט אין ביליקע אַרבעטסהענט פאַר די פאַבריקן. צו ברענגען קוואַליפיצירטע פאַכלייט פון אויסלאַנד איז די פריצים אויסגעקומען צו טייער און די געבאַפּטע בעטלערס און שלעפּערס זענען ווייט געווען פון זיין פּראָדוקטיווע אַרבעטער. וואָס שייך ווייטער דעם אַגראַריזאַציע־פּלאַן זענען באַזונדער דערפון געווען באַגייסטערט די „אויפגעקלערטע" פריצים, וואָס האָבן דערין געזען אַ באַשטעטיקונג פון דער פיזיאָקראַטישער טעאָריע אַז דאָס רייכטום פון לאַנד קומט פון דער ערד און דעריבער דאַרף מען זען צו פאַרגרעסערן די שטחים לאַנדווירטשאַפט. אויך דאָ דאַרף מען זען די סיבה אין גאַנץ פּראַקטישע אויסרעכענונגען: די אָפּטע פּויערישע בונטן קענען זייער שקלאַפעריי לטובת די פריצים האָבן געשטערט דעם ערדפאַרזיי און דעם שניט און די נויט־ליידנדיקע ייִדן וואָלטן זיי מיט דערפאָלג געקענט פאַרבייטן.

האָט מען טאַקע אָנגעהויבן צו שלעפּן די ייִדישע אַרבעטסלאָזע אין די פאַבריקן, אָבער די סטאַבילע צאָל פון די דאָזיקע געצוווּנגענע אַרבעטער איז קיין מאָל נישט דערגאַנגען מער ווי צו עטלעכע הונדערט. דאָס דערקלערט זיך דערמיט וואָס די ייִדישע אַרבעטער האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן אַזאַ שקלאַפּישע באַהאַנדלונג מצד די פריצישע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן זיך אָנגב לגבי זיי פונקט אַזוי געפירט ווי לגבי די אייגענע פּויערים.

כדי צוצוציִען ייִדן צו ערדאַרבעט האָט דער סיים פון 1775 אָפּגעשאַפט דאָס קאָפּגעלט פאַר די אַלע וואָס וועלן איבערגיין צו דער לאַנדווירטשאַפט. עס זענען געמאַכט געוואָרן אַזעלכע פּרוּוון אין פּאָדאָליע און אין רייסן. איין פריץ האָט אַפילו געגרינדעט אַ ייִדישע ווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע נאָענט פון שטעטל זוויאַהעל, אָבער די צאָל ייִדישע קאָלאָניסטן איז אויך דאָ געווען אַ נישטיקע, ווייל אין פּאָדאָלן פוילן האָבן די ייִדישע פּויערים געמוזט פאַרוואַנדלט ווערן אין לייב־אייגענע, פונקט ווי די פּוילישע פּויערים.

די רעכטלאָזיקייט פון די ייִדן איז נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן אַפילו דורך דער מיי־קאָנסטיטוציע, ווייל דער פּראָגרעסיווער בלאָק פון „גרויסן סיים" איז אין זיין מערהייט געווען באַאיינפלוסט פון די ייִדן־פיינדלעכע מיעשטשאַנעס און בלויז דער לינקער פליגל פון דער פּאַטריאָטישער פּאַרטיי האָט אַרויסגעגעבן אַזעלכע ייִדן־באַשיצער ווי טשאַצקי, בוטרימאָוויטש און יעזשיערסקי. דערפאַר האָט בלויז אַ קאָמיסיע פון פּיריאָריקן סיים באַהאַנדלט די ייִדן־פראַגע, אָבער איז נישט געקומען צו קיין שום באַשלוס. פאַרקערט נאָך: אַזוי ווי די שטאָטישע ייִדן זענען איבערגעגאַנגען צו דער יוריסדיקציע פון די מאַגיסטראַטן, האָבן די מיעשטשאַנעס נאָך מער באַגרענעצט זייערע מעגלעכקייטן צו האַנדלען און אַרבעטן. אָבער ווידער וואַכט אויף די האָפענונג ביי ייִדן אַז זייער לאַגע וועט זיך בעסערן ווען די פּאַטריאָטישע פּאַרטיי, אָנגעפירט פון קאָשציושקאָן, גרייט צו דעם אויפשטאַנד.

אַנדערש ווי תמיד זענען איצט געווען די ווענדונגען צום לאַנד. מען האָט שוין נישט גערופן בלויז די שליאַכטע אַריינצוטרעטן אין די קאַמפּסרייען, נאָר אויך די שטאָטישע איינוווינערס, די פּויערים און אַפילו די ייִדן. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון פוילן ווען מען האָט גערופן צום מיליטער אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און אין דעם איז געווען דער פאַרמעסט פון דער אָנפירערשאַפט צוצוגרייטן אַן אמתן פאָלקסאויפשטאַנד.

ווער איז געווען קאָשציושקאָ וואָס האָט זיך פאַרנומען אין פריצישן פוילן אויף די וועגן פון אַן אמתן מאַסן־אויפשטאַנד?

**טאַדעוש קאָשציושקאָ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1746 ביי אַ פאַראָרעמטן ליטווישן שליאַכטשיץ און זיין מיליטערישע אויסבילדונג דורכגעמאַכט אין דער וואַרשעווער קאַדעטן־שול. אַלס פעיִקן תלמיד האָט אים דער קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט דערנאָך**



אָפּגעשיקט קיין פּאַריז, ער זאָל לערנען אויף מיליטערישער אינזשיניעריי. דאָרט האָט ער זיך באַקענט מיט די ליבעראַלע אידעען פון די ענציקלאָפּעדיסטן און אויך מיט די רעוואָלוציאָנערע טעאָריעס וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די קעגנערס פון פאַרדאָרבענעם פעאָדאַלן רעזשים אין פראַנקרייך. ווען עס איז אויסגעבראָכן אין צפון אַמעריקע דער אומאָפּהענגיקייט־קריג קעגן די ענגלישע הערשער איז ער גלייך אַהינגעפאָרן און מיט זיינע פעיִקייטן און וויסן געהאָלפן אויסקעמפן די פרייהייט פון די פאַר'שטאַטן. פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן האָט מען אים דאָרט שפּעטער אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל און איצט איז אויך פאַראַן אין ניו יאָרק (ברוקלין) אַ גאַס אויף זיין נאָמען.

קאָשציושקאָ איילט זיך אומצוקערן אַהיים, אַן אַנטשלאָסענער צו קעמפן פאַר דער פרייהייט פון אייגענעם לאַנד. ער קומט באַדעקט מיט רום פאַר זיין אַרויסגעוויזענער העלדישקייט אין אַמעריקע און אויך מיט דער אויסצייכענונג פון דעם רעפּובליקאַנישן פראַנקרייך, ווו ער האָט זיך פאַרדינט דעם ערן־טיטל „בירגער פון רעוואָלוציאָנערן קאָנווענט". אָבער דערפאַר טאַקע שרעקן זיך פאַר אים די רעאַקציאָנערע מיליטער־אָנפירערס פון פריצישן פוילן און ווילן אים נישט אַריינעמען אין דער אַרמיי. ערשט נאָך די איינגעפירטע רעפאָרמען פון פיריאָריקן סיים רופט מען אים צו מיליטער־דינסט, ווו ער באַקומט דעם ראַנג פון גענעראַל־מאַיאָר. קעמפנדיק קעגן די טאַרגאָוויצער פאַררעטערס אונטער דער אָנפירונג פון פירשט יוזעף פּאָניאַטאָווסקי, ווייזט ער אַרויס זיין העלדישקייט אין דער שלאַכט הינטער דוביענקאַ.

ווען דער קעניג האָט פאַרראַטן און געהייסן אָפּשטעלן דעם קאַמף, פאַרלאָזט קאָשציושקאָ דאָס לאַנד צוזאַמען מיטן קעניגס פּלימעניק יוזעף פּאָניאַטאָווסקי, און אַ סך אַנדערע פּוילישע פּאַטריאָטן. אין מערץ 1794 קערט זיך קאָשציושקאָ אום קיין פוילן אויף דער אויפפאָדערונג פון די פּאַטריאָטן פון לאַנד און אויך פון דער עמיגראַציע (4). איינשטימיק ווערט ער פּראָקלאַמירט אַלס „נאַטשאַלניק פון פאָלק" מיט די ברייטסטע פולמאַכטן אָנצוגיין מיטן קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון לאַנד. ביים אָננעמען דעם אַמט האָט קאָשציושקאָ פייערלעך דערקלערט אַז ער וועט קעמפן פאַר דער פרייהייט פון גאַנצן פאָלק און ניט בלויז פאַר דער „שליאַכטע".

טאַדעוש קאָשציושקאָ האָט אין וואַרשע ניט אָנגעטראָפן קיין גינסטיק פעלד פאַר מאַכן צוגרייטונגען צום אויפשטאַנד. דאָ האָט זיך געפונען אַ מעכטיקע רוסישע אַרמיי און דער „טאַרגאָוויצער" קעניג (5) האָט קנעכטיש אויסגעפאָלגט די באַפעלן פון יעקאַטערינען אויפצולייזן די פּוילישע אַרמיי און לאָזן אונטער געווער בלויז אַ 15.000 מאַן. אַ סך פון מיליטער האָבן בעסער געוואָלט אַרויסטרעטן אין קאַמף איידער פרייוויליק אָפּגעבן דאָס געווער און זיי האָבן צוגעזאָגט צו שטעלן זיך אויפן ערשטן רוף פון „נאַטשאַלניק", ווי מען האָט גענומען רופן קאָשציושקאָן.

אין קעגנזאַץ צו וואַרשע, איז אין קראָקע ניט געווען קיין רוסיש מיליטער און דעריבער איז באַשלאָסן געוואָרן דאָרט אָנצוהייבן דעם אויפשטאַנד. דער רוף צום אויפשטאַנד איז געמאַכט געוואָרן דעם 24טן מערץ 1794. אַ זעלטן בילד האָט מען דאַן געקענט זען אין קראָקע. פונקט ווי מיט הונדערטער יאָרן צוריק זענען געשלאָסן געוואָרן די טויערן פון דער שטאָט און עס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן ביי זיי וואַכלייט. אויפן מאַרק האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם פון שטאָטישע איינוווינערס, שליאַכטע און פּויערים. אַ סך האָבן געטראָגן אויף די אַקסלען פאַרביקע בענדער מיט אויפשריפטן: „פרייהייט אָדער טויט". אַ באַטאַליאָן זעלנער איז אויסגעשטעלט געוואָרן אין אַ פירעק און קאָשציושקאָ האָט ביי זיי אָפּגענומען די שבועה פון טריי־הייט. קאָשציושקאָס אַ געווער־חבר האָט פאָרגעלייענט דעם אַקט פון דער „אינסורעקציע" (אויפשטאַנד) צונויפגעשטעלט פון „בירגערס פון דער קראָקעווער וואָיעוואָדעשאַפט". עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער אויפשטאַנד

(4) מיטן וואָרט „עמיגראַציע" האָט מען געמיינט די פּוילישע פּאַטריאָטן וואָס זענען צוליב פּאָליטישע טעמים אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד און דאָרט אָנגעגאַנגען מיט זייער טעטיקייט לטובת דער פרייהייט פון פוילן.

(5) דער נאָמען „טאַרגאָוויצע" איז אָנגענומען אין פוילן ווי אַ באַצייכענונג פון פאַרראַט.

און מען האָט געמאָלדן אַז די בירגערס פון לאַנד אָנערקענען קאָשציושקאָן ווי דעם „איינציקן און העכסטן נאַטשאַלניק פון אויפשטאַנד".

אין זײַן רעדע פאַר די פאַרזאַמלטע האָט דער נאַטשאַלניק דערקלערט: „יי דער פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד זענען אַלע בײַ מיר גלײַך, און דעריבער שאַץ איך גלײַך אַ ייִד, אַ פּויער, א שליאַכטשיץ, אַ גלח און אַ שטאָטישן מענטש". באַציִענדיק זיך צו ייִדן, פאַרזיכערט ער זיי פולשטענדיק גלײַכע רעכט מיט אַלע בירגערס. צו לעצט גיט אויך קאָשציושקאָ אָפּ אַ שבועה, ווו ער זאָגט צו אַז ער וועט ניט אויסנוצן די אים פאַרטרויטע מאַכט אויף קיין שום פּריוואַטער אונטערדריקונג, נאָר בלויז פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די גרענעצן, פאַר דער צוריקדעראָבערונג פון דער זעלבסטהערשאַפט פון פאָלק און כדי צו באַפעסטיקן די אַלגעמיינע פרײַהייטן.



טאַדעאוש קאָשציושקאָ

דער ענטוזיאַזם פון דער קראָקעווער באַפעלקערונג איז געווען אויסערגעוויינלעך. עס זענען אָנגעקומען גרויסע געלטבײַטראָגן און עס האָבן זיך אויך געמאָלדן פרײַוויליקע צום מיליטער. קאָשציושקאָ האָט אויך געמאַכט אַ רוף צו די בירגערס פון גאַנצן לאַנד, צו מענער און פרויען און באַזונדער צום מיליטער, וואָס דאָס איז געווען זײַן גרעסטע זאָרג.

די באוואָפנטע כוחות פון דער אינסורעקציע זענען באַשטאַנען פון פרײַוויליקע און רעקרוטירטע. די לעצטע זענען געווען רעגולערע און אומרעגולערע. רעגולערע זענען געקומען פון דער אַזוי גערופענער „פּאָספּאָליטע רושעניע", אָדער „אַלגעמיינע געווערפליכט" (6) ווערבירט פון מענער פון 18 ביז 40 יאָר. זיי האָבן דורכגעפירט פאַרטיזאַנען־אַקציעס, געשטערט דעם שונא אין טראַנספּאָרט פון שפּײַז, אַמוניציע אאַ"וו. די אומרעגולערע רעקרוטן האָבן זיך גערופן „דימניקעס" אָדער „רויך־רעקרוטן" (7), ווײַל מען האָט זיי גענומען פון אַ געוויסער צאָל הײַזער, אָדער קוימענס. אויף זיי האָט מען זיך ניט געקענט איבעריק פאַרלאָזן, ווײַל מען האָט זיי ניט געקענט האַלטן אַ לענגערע צײַט אין מיליטער, מחמת ווי נאָר זיי האָבן פאַרענדיקט אַ שלאַכט פלעגן זיי פאַרשווינדן פון שלאַכטפעלד ווי אַ רויך, ד"ה זיי האָבן זיך פּשוט אומגעקערט אַהיים. די באַוואָפענונג פון די „רויכרעקרוטן" איז באַשטאַנען פון ביקסן, פּיקעס און קאָסעס. חוץ דעם האָט זיך אין די שטעט געפונען אַ מיליץ וואָס האָט געהאַט די פונקציע צו היטן די געפאַנגענע און האַלטן וואַך.

די ערשטע זאַך וואָס קאָשציושקאָ האָט געטאָן איז געווען דאָס פאַרגרעסערן זײַנע כוחות. ער האָט געשאַפן אַ באַוואָפנטע מיליץ פון די שטאָטישע אײַנוווינערס און ער האָט דעקרעטירט צו נעמען „רויכרעקרוטן" אין דער פּראָפּאָרץ פון איינעם אויף יעדע 5 קוימענס. ער האָט אויך באַפעסטיקט קראָקע, כדי זי צו קענען פאַרטיידיקן פון אַן אָנגריף.

אין גיכן איז אָנגעקומען די ידיעה אַז עס דערנענטערט זיך צאַריש מיליטער. קאָשציושקאָ איז באַלד אַרויס אַנטקעגן מיט 4000 קעמפּפערס און 12 קליינע האַרמאַטן. אויפן וועג איז צו אים צוגעשטאַנען אַן אָפּטיילונג פּויערישע רויכרעקרוטן, באַוואָפנטע מיט קאָסעס. צו מאָרגנס, דעם 4טן אַפּריל, איז בײַ ראַצלאַוויצע פאָרגעקומען דער צוזאַמענטרעף און גלײַך האָט זיך אָנגעהויבן אַ בלוטיקע שלאַכט. די כוחות זענען כמעט געווען גלײַכע וואָס שײַך דער צאָל קעמפּפערס, אָבער די רוסן האָבן געהאַט געניטע זעלנערס און אויסגעצייכנטע האַרמאַטן, און דאָך איז געשען דאָס וווּנדער וואָס די אויפשטענדלערס האָבן געזיגט. קאָשציושקאָ האָט אין אַ

(6) ב״ רינגעלבלומען הייסט עס „אַלגעמיינער אויפהייב".

(7) ביי רינגעלבלומען הייסט עס „קוימען־רעקרוטן".

געוויסן מאָמענט געגעבן אַ באַפעל טאַקע די „רויכרעקרוטן", זיי זאָלן פאַרכאַפּן די האַרמאַטן און אַליין האָט ער זיי געפירט צו דער אַטאַקע. מיט די פאַרבויגענע קאָסעס האָבן די פּויערים זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די פייַנדלעכע האַרמאַטן און זיי דעראָבערט. די מפּלה פון צאַרישן מיליטער איז געווען אַ פולשטענדיקע און דער זיג הינטער ראַצלאַוויצע האָט געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן רושם אין גאַנצן לאַנד. נאָך דער שלאַכט זענען די „קאָסיניערן" (קעמפער מיט קאָסעס) זיך צעשוווּמען ווי אַ רויך, אָבער זייער העלדישער אויפטו איז פאַרבליבן אין דער געשיכטע.

---

ווי איז געווען די באַציִונג פון ייִדן צום אויפשטאַנד? אין אַ געווויסער מאָס איז דאָ פאָרגעקומען דאָס זעלבע ווי ביַי די פּאָליאַקן. די ריַיכע ייִדן האָבן מיט קליינע אויסנאַמען אַרויסגעוויזן פּאַסיווקייט צום אויפשטאַנד און זיך אַפילו באַמיט צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. אויף דער פּוילישער זיַיט זענען די מאַגנאַטן, די ריַיכע שליאַכטע און דער קלער געווען ניט פּאַסיוו, נאָר דווקא פיַינדלעך צום אויפשטאַנד און צו דער קאָנסטיטוציע פון 1791, און אויב זיי זענען ניט אָפן צוגעשטאַנען צו טאַרגאָוויצע, זענען זיי אָבער — אויב זיי האָבן נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט — אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. דערקעגן זענען די פּוילישע מאַסן און אויך די פּאַראָרעמטע שליאַכטע געווען מיט ליַיב און לעבן אויף דער זיַיט פון דער אינסורעקציע און אויך די ייִדישע פאָלקס־מאַסן האָבן זיך פּאָזיטיוו באַצויגן צום אויפשטאַנד.

ד"ר רינגעלבלום באַשטעטיקט דעם פאַקט און דערקלערט עס דערמיט וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט שלעכט באַהאַנדלט ייִדן און דאָס צאַרישע מיליטער וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין פּוילן האָט גערויבט און געמאָרדעט אָן שום שטראָף. דאָס האָט אַרויסגערופן האַס צו די צאַרישע זעלנערס און אַלס זעלבסטפאַרטיידיקונג דערוועקט דעם ווילן צו קעמפן קעגן זיי.

אָבער דאָ פעלט נאָך צוצוגעבן די וויכטיקסטע סיבה פאַר דער פּאָזיטיווער שטעלונג פון די ייִדישע מאַסן צום אויפשטאַנד, און דאָס איז די טיפע סימפּאַטיע וואָס די אָרעמע ייִדן — פּונקט ווי די פּוילישע פאָלקסמאַסן האָבן געפילט צו די פאַרטיידיקערס פון דער מיַי־קאָנסטיטוציע, וועלכע האָבן זיך באַמיט אַ ביסל צו פאַרליַיכטערן דאָס לעבן פון די אָרעמע און וואָס שיַיך ייִדן האָט דער 4־יאָריקער סיים ברייט באַהאַנדלט זייער לאַגע, כאָטש אַ געזעץ פון גליַיכבאַרעכטיקונג מיט די פּוילישע בירגערס איז נישט אָנגענומען געוואָרן. קאָשציושקאָס פאַרזיכערונג צו ייִדן אין זיַין רוף (דער „קראָקעווער אוניווערסאַל") האָט פאַרשטאַרקט די דאָזיקע שטעלונג פון די ייִדן צום אויפשטאַנד, און מיר זעען דאָס פון דער גרויסער צאָל אסיפות וואָס ייִדישע קהילות האָבן צוזאַמענגערופן אין פאַרשידענע שטעט כדי צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן העלפן די אויפשטענדלערס. באַלד הייבן זיך אָן געלטזאַמלונגען און ייִדישע בעל־מלאכות מאַכן אַפילו פאָרשלאָגן צו אַרבעטן אומזיסט פאַר די באַדערפעניש פון די אויפשטענדלערס.

אין אַלטן פּוילן האָט מען ייִדן ניט גענומען אין מיליטער און זיי האָבן זיך געקענט אויסקויפן מיט געלט, אָדער שיקן אויף זייער אָרט אַ קריסטלעכן רעקרוט. בעת דעם קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד איז שוין אָבער דאָס זען אַ ייִדישן קעמפער ניט געווען קיין אויסערגעוויינלעכער פאַל, בפרט ביַים שטיין אויף דער וואַך אָדער אין דער מיליץ. אין אַ באַריכט פון עסטריַיכישן קרייזהויפּטמאַן פון מישלעניץ צו דער צענטראַלער רעגירונג אין ווין — וואָס איז געבליבן ווי אַ היסטאָרישער דאָקומענט פון יענער ציַיט — ווערט איבערגעגעבן אַז מען האָט אָנגעטראָפן נאָענט פון דער עסטריַיכישער גרענעץ אַ ייִדישע אָפּטיילונג אין לאַנגע קאַפּאָטעס, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך (8).

## דער פאָלקסאויפשטאַנד אין וואַרשע לאָזט אויך הערן וועגן ייִדן

דער זיג הינטער וראַצלאַוויצע האָט אַריַינגעבראַכט גרויס דערמוטיקונג ביַי די פּאַטריאָטן אין וואַרשע. עס האָבן דאָרט געבאַלעבאַטעוועט די טאַרגאָוויצער פאַררעטערס מיט דער הילף פון

(8) ציטירט פון ש. שניצער אין „די פּראַגער שחיטה".



צאַרישן גאַרניזאָן פון 8000 מאַן, אָנגעפירט פון יעקאַטערינעס ניַיעם פאַררעטער איגעלשטרעם.

אין וואַרשע זענען אויך געווען פּוילישע חילות צו וועלכע איגעלשטרעם האָט ניט געהאַט קיין צוטרוי, אָבער דער פאַררעטערישער העטמאַן אָזשאַראָווסקי האָט אים פאַרזיכערט וועגן זייער „לאָיאַלקייט"... דער העטמאַן האָט, אָבער, געהאַט אַ טעות: די 3500 זעלנער און אָפיצירן זענען געווען לאָיאַל, אָבער ניט צו טאַרגאָוויצע נאָר צום פאָטערלאַנד. כמעט אַלע זענען געוואָרן אַריַינגעצויגן אין דער צוגעגרייטער פאַרשווערונג, וועגן וועלכער עס איז, ליַידער, געוואָר געוואָרן די טאַרגאָוויצער קליקע, און דער אָנפירער, דער וואַרשעווער איַינוווינער קאַפּאָסטאַס, האָט זיך קוים געראַטעוועט דורך אַנטלויפן. ער איז אָנגעקומען צו קאָשציושקאָן קיין קראָקע און האָט אים געבראַכט די שיינע מתנה פון 5000 קאָסעס.

אין וואַרשע האָט זיך אָבער די געהיימע טעטיקייט ניט אָפּגעשטעלט און עס האָט זיך באַלד אַרויסגערוקט אַ צווייטער פּשוטער „מיעשטשאַנין" מיט אַ סך מוט און ענערגיע — דער שוסטער יאַן קילינסקי, וואָס איז שוין דאַן געווען ראַטמאַן פון דער הויפּטשטאָט.

די טאַרגאָוויצער האָבן זיך געגעבן חשבון פון דער שטימונג וואָס הערשט אין וואַרשע און — לויט די קלאַנגען וואָס זענען אומגעגאַנגען — האָבן זיי באַשלאָסן דורכצופירן אַ שחיטה אין סאַמע פּסח, ווען די מיעשטשאַנעס וועלן זיך געפינען אין די קירכעס. אָבער די פּאַטריאָטן זענען זיי פאַרלאָפן דעם וועג (9). דעם 17טן אַפּריל, קוים דריַי וואָכן נאָכן פּראָקלאַמירן דעם אויפשטאַנד אין קראָקע, האָט זיך וואַרשע אַריַינגעוואָרפן אין קאַמף.

דער ערשטער איז אַרויסגעטראָטן אַ פּוילישער פאָלק, איינער פון די וואָס האָבן זיך געפונען אין וואַרשע. דער פּוילישער גענעראַל וואָס האָט אָנגעפירט מיטן אַרסענאַל האָט דאַן געהייסן אָפּגעבן אַ שאָס פון אַ האַרמאַט, כדי דאָס פאָלק זאָל וויסן אַז דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן. באַלד האָבן זיך אויך צעקלונגען אַלע גלאָקן פון די קירכעס און די וואַרשעווער באַפעלקערונג האָט פאַרפולט אַלע גאַסן.

די זכרונות־שריַיבערס פון יענער ציַיט האָבן פאַרציַיכנט אַז „די קעמפנדיקע גרופּעס פון פאָלק זענען באַשטאַנען פון בעלי־מלאכות און זייערע געזעלן, פון אויפּזעערס, פּאַראָבקעס און ייִדן. עס זענען אויך צוגעשטאַנען פאַרקויפערס, הענדלערס און משרתים, רעוואָלוציאָנערע גלחים, ווי מיַיער און יעלסקי און די אַקטיאָרן פון באָגוסלאַווסקי טעאַטער. עס זענען אַריַין אין קאַמף אַלע פּוילישע כוחות און דערביַי האָבן זיך באַזונדער אויסגעצייכנט דער פאָלק פון וואַרשעווער בעלי מלאכות — די אַזוי גערופענע „דזשיאַלאַנטשיקעס". אַ שרעק איז געפאַלן אויף די טאַרגאָוויצער פאַררעטערס. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ווי די מיַיז אין די לעכער און זיי האָבן זיך ניט באַוויזן אין גאָס די גאַנצע ציַיט פון קאַמף.

די אַטאַקע קעגן רוסישן גאַרניזאָן איז געווען אַ פאַרביסענע, וויַיל די סאָלדאַטן האָבן זיך מוטיק פאַרטיידיקט, אָבער דער מוט פון די מיליטעריש וויניק צוגעגרייטע מיעשטשאַנעס, וואָס האָבן פול מיט ענטוזיאַזם און גלויבן זיך געוואָרפן אין קאַמף, איז געווען נאָך גרעסער.

אויך די יונגע קאַדעטן פון דער אָפיצירן־שול האָבן זיך געריסן צום קאַמף, און ווען זייערע אָנפירערס האָבן זיי ניט געוואָלט באַגלייטן האָבן זיי צווישן זיך אויסגעקליבן אַלס אָנפירער יוזעף סאָווינסקין, וואָס האָט גליַיך אַרויסגעוויזן מיליטערישע פעיִקייטן און איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אויף דעם געביט (10).

נאָך צוויי טעג קאַמף האָט דאָס פאָלק פון וואַרשע צוזאַמען מיטן פּוילישן מיליטער אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג. איגעלשטרעם איז אַנטלאָפן און די טאַרגאָוויצער זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין תפיסה פון וואַנען זיי זענען אַרויסגעשלעפּט און אויפגעהאָנגען געוואָרן דורכן פאָלק גופא, וואָס האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטן ביז דאָס געריכט וועט אַרויסטראָגן אַן אורטייל. דאָס געריכט האָט

(9) ציטירט פון מאַריאַ דלוסקאַ פון איר לערנבוך פאַר פּוילישער געשיכטע.

(10) ציטירט פון דער זעלבער קוועלע.

זיך ניט געאײלט, ווײַל די מאַכט האָבן שוין באַוויזן איבערצונעמען נישט די רעוואָלוציאָנערע פאָלקסמאַסן, נאָר די רײַכע מיעשטשאַנעם מיט דער שליאַכטע.

שוין דעם 19טן אַפּריל איז געשאַפן געוואָרן אין וואַרשע אַ „פּראָוויזאָרישע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג", דער „צײַטווײַליקער ראַט" וואָס איז דעם 10טן מײַ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „העכסטן נאַציאָנאַלן ראַט", מיט קאָשציושקאָ בראָש. דער צוזאַמענשטעל פון דער ערשטער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, פונעם „צײַטווײַליקן ראַט („ראַדאַ זאַסטעמפּטשאַ טימטשאַסאָוואַ") — האָט אַרויסגערופן אומצופרידנקייט בײַ די וואַרשעווער מאַסן און אונטער זייער דרוק האָט דער שפּעטערדיקער „העכסטער נאַציאָנאַלער ראַט" — („נײַוויזששאַ ראַדאַ נאַראָדאָוואַ") — שוין אַרײַנגענומען צוויי זייערע בעסטע פאָרשטייער: די ראַדיקאַלע גלחים און אויפריכטיקע יאַקאָבינער הוגאָ קאָלאָנטײַ און יוזעף מײַער. זיי האָבן דאָס געפאָדערט בײַ דער רעגירונג אַרויסצוגעבן די פּריצישע פאַררעטערס נאָך דעם ווי בײַ אַ פריערדיקן פאַל האָבן די אומגעדולדיקע מאַסן געשטורעמט די תפיסה און נאָכן אַרויסשלעפּן פון דאָרט די „טאַרגאָוויצער" לײַט זיי עפנטלעך געהאָנגען. אויך איצט איז די רעגירונג געצוווּנגען געווען אַרויסצוגעבן דרײַ הויכגעשטעלטע פאַררעטער, צווישן זיי דעם בישוף מאַסאַלסקי, און זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורכן פאָלקסצאָרן. אויב אין פריערדיקן פאַל האָט די דעמאָלטיקע רעגירונג פאַרמשפּט צו תפיסה דעם וואָס האָט דאַן אָנגעפירט די מאַסע, האָט דער שעף פון דער איצטיקער רעגירונג קאָשציושקאָ, זיך באַנוגנט מיט מאַכן אַ פאָרוואורף קאָלאָנטײַען און מײַערן. דער גרויסער העלד און אויפריכטיקער פרײַנד פון פאָלק, וואָס האָט אַליין אָפּגעשטאַמט פון דער שליאַכטע, האָט זיך ניט געקענט אַנטשליסן איבערצורײַסן מיטן פּריווילעגירטן קלאַס און מיט דער גאַנצער שטרענגקייט באַשטראָפן די פּריצים פאַר פאַרראַט. פּונקט ווי אַלע פּריווילעגירטע האָט אויך אים געשראָקן דער געדאַנק אַז די מאַסן קענען איבערנעמען די מאַכט, און כאָטש ער האָט געפּרעדיקט און אויך געקעמפט פאַרן פולשטענדיקן אָפּשאַפן די פּאַנשטשינע און אויסגלײַכן אין די רעכט די פּויערים מיט דער שליאַכטע, האָט ער אָבער נישט געוואָגט אַרויפצוצווינגען זײַן ווילן אויף די פּריצים און האָט זיך באַנוגנט מיט קאָמפּראָמיס־דעקרעטן וואָס האָבן נישט געקענט צופרידנשטעלן די פּויערים און וואָס די פּריצים האָבן, אָן צוואַנג, סײַ ווי נישט אויסגעפירט. וואָלט קאָשציושקאָ אָן שום קאָמפּראָמיסן אָפּגעשאַפט די פּאַנשטשינע, צעטיילט די פּויערים די ערד וואָס זיי באַאַרבעטן און ענערגיש געהאַנדלט קעגן די ווידערשפּעניקע פּריצים, וואָלטן די פּויערים זיך שפּעטער נישט אַנטוישט אין אים און וואָלטן מיטן גרעסטן ענטוזיאַזם אומעטום מאַסנווײַז אָנגעפילט די קאָמפּסרייען, און דאַן וואָלט דער אויסגאַנג פון אויפשטאַנד מעגלעך געווען אַ גאַנץ אַנדערער. קאָשציושקאָס וואַקלדיקייט קומט אַרויס בולט אין „פּאָלאַניעצער אוניווערסאַל" וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט דעם 7טן מײַ. דער דאָזיקער דעקרעט באַפרײַט נישט די פּויערים פון פּאַנשטשינע נאָר פאַרקלענערט זי אויף אַ העלפט פאַר די וואָס וועלן צושטיין צום אויפשטאַנד. חוץ דעם טאָר דער פּריץ נישט אַראָפּוואַרפן דעם פּויער פון דער ערד וואָס ער באַאַרבעט און ער קריגט אויך די פּערזענלעכע פרײַהייט איבערצוטראָגן זיך אויף אַן אַנדער פּלאַץ לויט זײַן ווילן. די פּוילישע פּויערים זענען געבליבן אַנטוישט, ווײַל נישט אַזאַ דעקרעט האָבן זיי דערוואַרט! אָבער אויך קאָשציושקאָ האָט זיך געפילט דערשלאָגן און פאַרביטערט וואָס ער האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם דרוק פון דער שליאַכטע קעגן זײַן אייגענעם פילן און דענקען (11). אָבער די פּריצים מיט וועלכע ער האָט זיך אַזוי אויסגעהיט איבערצורײַסן, האָבן אַפילו דעם דאָזיקן קאָמפּראָמיס־דעקרעט נישט געטראַכט אויסצופאָלגן!

---

אונטערן אײַנפלוס פון קאָלאָנטײַען און זײַנע מיטאַרבעטער פאַרשפּרייט זיך שטאַרק דער יאַקאָבינױם אין וואַרשע, ווו ס'ווערט געעפנט אַ יאַקאָבינישטישער קלוב לויטן בײַשפּיל פון פּאַריז. יעדער פּאַטריאָט אָן אונטערשיד פון אָפּשטאַם האָט געקענט זײַן אַ מיטגליד אין קלוב, ווו איינער האָט דעם אַנדערן גערופן „בירגער", אַזוי ווי אין פראַנקרײַך.

(11) ציטירט פון שיינבערנער—מיסלאָוואַ.

דער יאַקאָבינישטישער אײַנפלוס שטייגט ווײַט איבער די גרעניצן פון דער הויפּטשטאָט און דערגרייכט אויך צו ליטע, ווו די באַפעלקערונג רופט זיך אָפּ אויף קאָשציושקאָס פלאַמיקער ווענדונג צו אַלע שיכטן, און אויך דאָרט ברעכט אויס דער אויפשטאַנד קעגן צאַרישן מיליטער. עס פירט דאָרט אָן מיט דער באַוועגונג אַ באַקאַנטער יאַקאָבינער און שפּעטער באַרימטער גענעראַל: יאַקוב יאַשינסקי. די רעגירונג טראָגט דעם נאָמען „צענטראַלע דעפּוטאַציע פון ליטווישן גרויספירשטנטום" — (צענטראַלנאַ דעפּוטאַציאַ וויעלקיעגאָ קשיענסטוואַ ליטעווסקיעגאָ) — דאָרט איז דער קאַמף פון אָנהייב אָן אַ פאַרצווייפלטער, ווײַל די כוחות זענען ווײַט נישט קיין גלײַכע. חוץ דעם איז אַ געפערלעכע דראָונג דאָס דערנענטערן זיך פון דער פּרײַסישער אַרמיי, וואָס פאַראייניקט זיך טאַקע שפּעטער מיט דער צאַרישער בײַ שטשעקאָטשין. עס דערנענטערט זיך דער מאָמענט ווען דער הויפּטקאַמף קומט פאָר פאַר וואַרשע.

---

דערווײַל גענִיסט וואַרשע פון אַ פאַרהעלטנישמעסיקער רויִקייט. אין די חדשים מײַ, יוני און אַ שטיק יולי גייט דאָס לעבן אָן כמעט נאָרמאַל. די באַפעלקערונג פילט זיך נאָך באַרוישט פון דעם גרויסן זיג איבערן שונא און עס דאַכט זיך איר אַז איר זיכערקייט איז נישט באַדראָט פון קיין נאָענטער געפאַר. אָבער דער שעף פון דער נײַער רעגירונג פילט זיך יאָ באַזאָרגט און טראַכט מיט אומרויִקייט וועגן דער נאָענטער צוקונפט. ער זעט יאָ די געפאַר פון נײַע אָנגריפן און ער מאַכט פּלענער פאַר דער פאַרטיידיקונג. וואָס שייך דער מיליטערישער צוגרייטונג, צוליב דער מעגלעכער געפאַר פון פײַנדלעכע אָנגריפן, האָט דער נאַטשאַלניק נאָך פריִער, דעם 4טן מײַ, דעקרעטירט די „אַלגעמיינע געוועראַליכט" און דעם 9טן מײַ איז פאָרמירט געוואָרן אין וואַרשע די מיליץ, וואָס האָט אַגב אַרײַנגענומען אַ גרויסע צאָל ייִדן.

אויב אין דער רעגולערער אַרמיי האָט מען זעלטן געקענט געפינען אַ ייִד בעת דער באַפרײַאונג פון וואַרשע, איז אָבער ניטאָ קיין שום ספק וועגן זייער באַטייליקונג ניט נאָר אין דער מיליץ נאָר אויך אין דער געוועראַליכט. קאָשציושקאָ אַליין דערמאָנט עס אין אַן אַרטיקל, פאַרעפנטלעכט אין דער אָפיציעלער „רעגירונגס־צײַטונג" פון יענער צײַט („גאַזעטאַ זשאָנדאָוואַ"), ווו ער זאָגט צווישן אַנדערס: „דער אָנטייל פון די ייִדן אין אויפשטאַנד פאַרחידושט נאָך מער מחמת דעם וואָס די ייִדן, וועלכע האָבן אין אַלטערטום פאַרוווּנדערט די וועלט מיט זייער מוט און העלדישע קאַמפן פאַר פרײַהייט, האָבן זינט זייער פאַרלאָזן דאָס פאָטערלאַנד ניט געוואָלט אָנטיילנעמען אין די בלוטיקע קאַמפן וואָס די אכזריותדיקע דעספּאָטן פלעגן פירן אויף דער אויבערפלאַך פון דער ערד. אַן אויסנאַם פון דעם אַלגעמיינעם כּלל — ניט צו מישן זיך אין מלחמות פון פעלקער — זענען די אַפּריל־קאַמפן אין וואַרשע אין יאָר 1794 בעת וועלכע די ייִדן האָבן מוטיק געקעמפט קעגן שונא (12).

אַן אָפיציעלע באַשטעטיקונג איז אויך דער מעמאָראַנדום פון דער „אָרעמשאַפט פון אַלטן טעסטאַמענט", צוגעשטעלט פון וואַרשעווער ייִדן צום שטאָט־פּרעזידענט זאַקשעווסקי נאָך די אַפּריל־געשעענישן (דעם 21טן יוני). דאָרט פאַררופט מען זיך אויף דער ייִדישער באַטייליקונג אין באַפרײַען וואַרשע און עס ווערט געבעטן אַראָפּצונעמען דאָס „קאָפּגעלט" פון ייִדן (13).

ד"ר רינגעלבלום גיט אַפילו אָן די צאָל ייִדישע מיליציאָנערן פון יענער צײַט אין די פאַרשידענע שטאָטטיילן און עס קומט אויס אַז די גרעסטע צאָל האָבן געגעבן די גאַסן פון דער ייִדישער אָרעמקייט, ווי נאַוואָליפּיע, סמאָטשע און נאָך אַנדערע.

זאָל נאָך דערמאָנט ווערן אַז אין דער אָרגאַניזירונג פון וואַרשעווער אויפשטאַנד האָט זיך באַטייליקט, חוץ דעם הויפּט־אָנפירער יאַן קילינסקי און די גלחים קאָלאָנטײַ און מײַער, אויך דער פראַנקיסט יאַן דעמבאָווסקי, אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט פון דער פרײַהייט־באַוועגונג און סעקרעטאַר פונעם אָנפירער פון דעמאָלטיקן פּראָגרעסיוון לאַגער איגנאַצי פּאָטאָצקי. אין די אַפּריל־קאַמפן איז דעמבאָווסקי געשטאַנען בראָש פון די פאָלקסמאַסן און ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן די מעסיקע עלעמענטן פון אויפשטאַנד. שפּע־

(12) ציטירט פון ד"ר רינגעלבלומס אַן אַרבעט אויף דער דאָזיקער טעמע.
(13) ציטירט פון דער זעלבער קוועלע.

טער איז ער אויך געווען דער וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער פאָלקס־נקמה קעגן די פריצישע פאַררעטערס, פאַר וואָס ער איז דערנאָך פאַרמשפט געוואָרן צו אַ האַלב יאָר תפיסה. דעמבאָווסקי האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין פוילישן לעגיאָן וואָס האָט אונטער דאָמבראָווסקין געקעמפט אויף דער זייט פון נאַפּאָלעאָנען.

## בערעק יאָסעלעוויטש

דעם ערשטן פרווו צו שאַפן באַזונדערע יידישע אָפּטיילונגען אין דער פוילישער אַרמיי האָט געמאַכט בערעק יאָסעלעוויטש. ער



בערעק יאָסעלעוויטש

איז געבוירן געוואָרן אין קרעטינגען, טעלזער קרייַז, אָבער בעת דער אינסורעקציע טרעפן מיר אים שוין אין ווארשע ווי אַ דאָרטיקן סטאַביל איינוווינער. צו יענער צייַט איז בערעק יאָסעלעוויטש מיליטערישער ליוועראַנט. פאַר זייַן באַזעצן זיך אין דער הויפּט־שטאָט, איז ער געווען אַ הויפּטמעקלער בייַם ווילנער ביסקופ מאַ־סאַלסקי (14), וועמענס געשעפטן ער האָט געפירט און איז טייל מאָל אַפילו געפאָרן אין פריצס נאָמען קיין פּאַריז. בערעק האָט זיך אַלע מאָל געפילט טיף פאַרבינדן מיט זייַן געבורטלאַנד און פונקט ווי אַ סך אַנדערע אויפגעקלערטע יידן האָט ער מיט באַגייסטערונג אויפגענומען די נייַע מייַ־קאָנסטיטוציע וואָס האָט צוגעזאָגט גלייַכ־באַרעכטיקונג פאַר אַלע בירגערס. ער האָט געהאַלטן אַז די יידן דאַרפן זיך פאַרדינען די דאָזיקע גלייַכבאַרעכטיקונג דורך פּאַרטיי־דיקן דאָס פאָטערלאַנד מיט געווער אין האַנט גלייַך ווי אַלע אַנ־דערע בירגערס. דעם געדאַנק צו שאַפן אַ יידישן פּאָלק האָט ער פאָרמולירט אין אַ ספּעציעלן אויפרוף צו יידן וואָס ער האָט געלאָזט פאַרטיילן אין די בתי־מדרשים פון גאַנצן לאַנד. צוזאַמען מיט יוסף אַראָנאָוויטש גיט אָן בערעק יאָסעלעוויטש אַ ביטע וועגן דעם צו קאָשציושקאָן. דעם נאַטשאַלניק האָט די ידיעה וועגן שאַפן אַ יידי־שן פּאָלק צו הילף דעם אויפשטאַנד שטאַרק דערפרייט, ווייַל ער האָט געזען דערין אַ געווינס פאַר דער זאַך פון אויפשטאַנד. „קיין שום זאַך — שרייַבט ער דאָן אין אַן אַרטיקל — קען ניט אַזוי אײַ־בערצייַגן די ווייַטסטע פעלקער וועגן דער הייליקייט פון אונדזער זאַך און דעם יושר פון דער איצטיקער רעוואָלוציע ווי דאָס וואָס מענטשן וועלכע האָבן אַן אַנדער רעליגיע און אַנדערע מנהגים זע־נען פון אייגענעם ווילן מקריב זייער לעבן בכדי אונטערצושטיצן אונדזער אויפשטאַנד”.

(14) דער זעלבער פריץ ווערט פאַר פאַרראַט אויפגעהאַנגען פון דער מאַסע בעתן ווארשעווער אויפשטאַנד.



און באַציִענדיק זיך דירעקט צו דער באַקומענער ביטע, שרייַבט ער: „די יידן בערעק יאָסעלעוויטש און יוסף אַראָנאָוויטש, אין זינען האָבנדיק אַז זיי זענען געבוירן געוואָרן אויף דער דאָזי־קער ערד, און אַז נאָכן באַפרייַען דאָס לאַנד וועלן זיי צוזאַמען מיט אַנדערע דערפון געניסן, האָבן פאַר מיר פאָרגעבראַכט זייער ווילן צו שאַפן אַ יידישן פּאָלק פון לייַכטער קאַוואַלעריע. איך באַגריס זייער פּלייַס און גיב זיי די דערלויבעניש צו ווערבירן דעם דאָזיקן פּאָלק, צו באַזאָרגן אים מיט אַלע נייטיקע כלי־זיין, כדי זיי זאָלן וואָס גיכער קענען אַרייַנגערעכנט ווערן אין עטאַט פון דער רעפּוב־ליק און זיי זאָלן וואָס בעסער קעמפן קעגן שונא”.

דער נאַטשאַלניק הייסט אויסצאָלן פון דער מלוכה־קאַסע 3000 גילדן פאַר דער אויסשטאַטונג פון יידישן פּאָלק און דעם 1טן נאָוועמבער ווערט אין דער אָפיציעלער צייַטונג פאַרעפנטלעכט בערעק יאָסעלעוויטשעס ווייטערדיקער רוף:

„ליבע ברידער! איך האָב געהאַט דאָס גליק נאָמינירט צו ווערן אַלס פּאָלקאָווניק. טייַערע ברידער! וועקט זיך אויף ווי די לייבן און לעמפּערטן. נעמט זיך צום געווער און העלפט מיט צו באַפרייַען דאָס אונטערדריקטע פוילן! לאָמיר זיך נעמען פאַר אַ בייַשפּיל און אָפּלערנען זיך פון טאַדעוש קאָשציושקאָ. ער, אַ גרויסער מאַן וואָס האָט אַזוי פיל פרייַהייט, וויל פון דעסט וועגן האָבן נאָך מער פרייַ־הייט ווי ער האָט; מכל שכן ערשט מיר, וואָס ווערן שטענדיק אונ־טערדריקט, דאַרפן דאָך אוודאי זיך כאַפּן פאַרן געווער און העלפן צו באַפרייַען דאָס לאַנד”.

דעם 6טן אָקטאָבער באַקומט בערעק די נאָמינאַציע אַלס פּאָל־קאָווניק, אָבער שוין פריִער האָט ער אָנגעהויבן צו פאָרמירן דעם פּאָלק. עס מעלדן זיך צו אים 500 פרייַוויליקע, אָבער ווייַזט אויס אַז די זיכערע צאָל וואָס פאַרבלייַבט סטאַביל איז פאַר אים צו קליין און ער בעט דעם סינדיק נישט אַרויסצולאָזן פון שטאָט יונגע יידן וואָס טויגן צום מיליטער. סוף כל סוף מוז ער אָנקומען צום זעלבן מיטל וואָס יאַן קילינסקי, וועלכער ווערט פּאָלקאָווניק פון זייַנע ווערבירטע רעקרוטן. צוליבן שטאַרקן עקאָנאָמישן קריזיס אין לאַנד זענען געווען אַ סך אַרבעטסלאָזע און זיי האָט מען גע־צוווּנגען אַרייַנצוטרעטן אין דער אַרמיי, אויב זיי האָבן ניט גע־קריגן קיין אַנדערע באַשעפטיקונג. נאָך שטרענגער איז מען זיך באַ־גאַנגען מיט בעטלערס, שלעפּערס און ליידיק־גייערס, און פון אַזעלכע עלעמענטן האָט מען אָפט צונויפגעשטעלט גאַנצע פּאָלקן.



יוזעף בערקאָוויטש, זון פון בערעק יאָסעלעוויטש, אָפיציר אין דער פוילישער אַרמיי.

בערעק יאָסעלעוויטש האָט אָבער געהאַט דעם גרעסטן טייל פרײַוויליקע און מען האָט עס שפּעטער געזען פון זייער העלדישקייט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט בעתן קאַמף.

די גרויסע בײַשטייערונגען פון די ייִדן פאַרן אויפשטאַנד, דאָס צוגרייטן דעם ייִדישן פאָלק און די שטאַרקע ייִדישע באַטייליקונג אין דער מיליץ האָבן אַרויסגערופן גרויס אָנערקענונג אין דער דעמאָלטיקער לאַנדפּרעסע און דער פּוילישער היסטאָריקער פּראָפעסאָר טאָקאַזש האָט באַצייכנט יענע געשעענישן אַלס די ערשטע ייִדיש־פּוילישע פאַרברידערונג.

פאַקטיש האָט די נויטווענדיקייט שוין אַ סך פריִער אַרויסגערוקט אַזעלכע פאַרבינדונגס־פּרוּוון צווישן פּאָליאַקן און ייִדן, כאָטש זיי האָבן געקענט האָבן בלויז אַ לאָקאַלן פאַרנעם. אַזוי איז געווען דער פאַל מיט העכער הונדערט יאָר צוריק אין דער העלפט פון 17טן י"ה, בעת כמיעלניצקי האָט באַלאַגערט לעמבערג, וואָס איז געווען פאַרטיידיקט פון די שטאָטישע אײַנוווינערס, ייִדן און קריסטן. כמיעלניצקי האָט געפאָדערט אַז עס זאָלן אויסגעליווערט ווערן די ייִדן און די פּוילישע ריטערס. אַזוי אָבער ווי די פּוילישע ריטערס זענען שוין פריִער אַוועק און האָבן זיך ניט באַטייליקט אין דער פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט, איז כמיעלניצקי באַשטאַנען מען זאָל אים אַרויסגעבן בלויז די ייִדן. אָבער דער שטאָטראַט האָט כמיעלניצקין געענטפערט אַז ער וועט די ייִדן ניט אַרויסגעבן, ווײַל „צו גלײַך מיט דער גאַנצער שטאָט טראָגן זיי אויס די קאָסטן און די געפאַרן און זיי זענען גרייט מיט אונדז צו לעבן און צו שטאַרבן".

כמיעלניצקי, ניט קענענדיק גאָר ניט אויפטאָן צוליב דער העלדישער פאַרטיידיקונג, האָט געמוזט אויפגעבן די באַלאַגערונג און זיך באַנוגנט מיט אויסקויפגעלט (15). לײַדער זענען אויך געווען פאַרקערטע פאַלן, אָבער אַלס בײַשפּיל פון פּויליש־ייִדישער פאַרברידערונג קען דער פאַקט דינען.

---

נאָכן ראַצלאַוויצער זיג איז די באַפרײַונג פון וואַרשע געווען דער גרעסטער אויפטו פון די אויפשטענדלערס. אָבער די לאַגע אין לאַנד איז נאָך אַלץ ניט געווען זיכער. מען האָט געוווּסט אַז יעקאַטערינע וועט ניט פאַרשווײַגן דאָס אַרויסשיקן די רוסן פון וואַרשע. און ווירקלעך האָבן אין גיכן (אין דער צווייטער העלפט יולי) אָנגעהויבן צו מאַרשירן פײַנדלעכע אַרמייען סײַ פון צפון, סײַ פון מערב. די רוסן האָבן שוין פאַרכאַפּט פּאָוואָנזעק, אָבער דער גענעראַל דאָמבראָווסקי האָט זיי אַלע מאָל צוריקגעשטויסן. קאָשציושקאָ אַליין האָט געמוזט קומען צו הילף מיט אומרעגולערע מיליטער־אָפּטיילן און מיט דער מיליציע, אָבער די געפאַר פאַר וואַרשע איז ניט פאַרשוווּנדן.

דאָמבראָווסקי ציט אָפּ זײַן מיליטער קיין גרויס־פּוילן, כדי דאָרט אַרויסצורופן אַן אויפשטאַנד קעגן פּרײַסן. דאָס געלינגט אויך און דער פּרײַסישער קעניג, אויס מורא אַז זײַן אַרמיי זאָל ניט ווערן אַרומגערינגלט, פירט דורך אַן אײַליקן ריקצוג. אָבער שוין אָנהייב אָקטאָבער דערנענטערן זיך צוויי מעכטיקע צאַרישע אַרמייען פון פאַרשידענע זײַטן און וואָלטן זיי זיך פאַראייניקט, וואָלט וואַרשע געווען פאַרלוירן פאַר דער אינסורעקציע. קאָשציושקאָ פאַרלאָזט די הויפּטשטאָט און מאַרשירט אַוועק מיט זײַנע כוחות אין דער ריכטונג צו לובלין. דעם 10טן אָקטאָבער טרעפט ער אָן הינטער מאַטשעיאָוויצע אויף פילצאָליק גרעסערע רוסישע כוחות און די אויפשטענדלערס לײַדן אַ שרעקלעכע מפּלה. טויזנטער קעמפערס פאַלן מיט אַ העלדנטויט. קאָשציושקאָ, דרײַ מאָל אַ פאַרוווּנדעטער, פירט ווײַטער אָן מיטן קאַמף ביז ער פאַלט אַוועק אַ פאַרחלשטער פון גרויסן בלוטאָפּפלוס. די צאַרישע סאָלדאַטן נעמען אים אין געפאַנגענשאַפט און ער ווערט דערנאָך פאַרשפּאַרט אין פּעטערבורג, אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

צוויי יאָר איז קאָשציושקאָ געזעסן אין דער פּעטערבורגער תּפיסה און ווען יעקאַטערינעס זון איז נאָך איר טויט אַרויף אויפן טראָן אַלס פּאַוועל דער ערשטער (אין יאָר 1796), האָט ער אים אַמנעסטירט. קאָשציושקאָ איז דאַן אָפּגעפאָרן אין דער שווייץ, וווּ ער האָט ביז זײַן טויט (אין יאָר 1817) געפירט אַ צוריקגעצויגן לעבן. זײַנע שטאַרבלעכע רעשטן האָט מען שפּעטער איבערגעפירט קיין פּוילן, וווּ זיי זענען באַערדיקט געוואָרן אין דער קראָקעווער קאַטעדראַלער קירך.

עס איז כדאַי צו וויסן אַז קאָשציושקאָ איז נישט פאַרכאַפּט געוואָרן פון נאַפּאָלעאָנס מיליטערישן זשעני להיפּוך צו אַ סך פּאָליאַקן וואָס האָבן געשטראָמט צו די לעגיאָנען אין איטאַליע. דער גרויסער פּוילישער פרײַהייט־קעמפער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צום אַמביציעזן נײַעם וועלט־באַהערשער און האָט אויך נישט געגלייבט אין דער אויפריכטיקייט פון נאַפּאָלעאָנס צוזאָג אויפצושטעלן אַן אומאָפּהענגיק פּוילן. אַז זיין פאַרדאַכט איז נישט געווען אומזיסט באַווײַזט דער פאַקט וואָס דאָס וואַרשעווער פירשטנטום איז געווען נאַפּאָלעאָנס אַ וואַסאַל און וואָס דער גרויסער אימפּעראַטאָר האָט נישט געשיקט די פּוילישע לעגיאָנען פון איטאַליע אין זייער היימלאַנד, כדי אויסצוקעמפן אַ פרײַ פּוילן. ער האָט נאָכן באַזיגן עסטרײַך אויפגעלייזט די פּוילישע לעגיאָנען און פון די 18.000 מאַן האָט ער 9.000 אײַנגעגלידערט אין דער איטאַליענישער אַרמיי, וואָס איז געווען אונטער זײַנע באַפעלן און די רעשט שיקט ער אָפּ צום פאַרוואָרפענעם אינדזל אויפן פּאַציפישן אָקעאַן, האַיִטי, וווּ די שוואַרצע באַפעלקערונג האָט זיך רעוואָלטירט קעגן פראַנקרײַך. בלויז אַ קליינעם טייל פון די לעגיאָנערן געלונגט עס אומצוקערן זיך קיין פּוילן. דער גורל פון די פאַרשיקטע פּאָליאַקן איז געווען אַ טראַגישער: די וואָס זענען נישט געפאַלן אין קאַמף קעגן די נעגערס, זענען אומגעקומען פון די גרויסע היצן און טראָפּישע קראַנקהייטן.

זאָל צולעצט דערמאָנט ווערן קאָשציושקאָס אַ האַנדלונג וואָס האָט אים רעהאַביליטירט אַלס אַן אויפריכטיקן פרײַנד פון די פּויערים. ער האָט פון דער שווייץ, וווּ ער האָט זיך אויפגעהאַלטן די לעצטע יאָרן, צוגעשיקט אַ פאָרמעלן דאָקומענט צו די פּויערים פון זײַנע גיטער, אַז ער צעטיילט צווישן זיי די ערד און באַפרײַט זיי פון לײַב־אייגנטום.

---

עס האָט אויסגעזען אַז דער נאַציאָנאַל־ראַט וועט מוזן אויפגעבן דעם קאַמף, אָבער דער באַשלוס וואָס איז אָנגענומען געוואָרן האָט געפאָדערט דאָס פאַרקערטע: „קעמפּט מיט פאַרצווייפלונג! שטאַרבן, אָדער לעבן פרײַ!" — איז געוואָרפן געוואָרן די לאָזונג.

אַלס הויפּטפירער אויף קאָשציושקאָס אָרט איז אויסגעוויילט געוואָרן דורכן נאַציאָנאַלן ראַט טאָמאַש וואַוזשעצקי. זײַן מיינונג איז געווען אַז צוליב דער געפערלעכער לאַגע דאַרף מען פאַרלאָזן פּראַגע, ווײַל פון רעכטן ברעג ווײַסל וועט מען ניט קענען פאַרטיידיקן די הויפּטשטאָט. דאָמבראָווסקי טראַכט אַז אויך וואַרשע וועט מען שוין ניט קענען אויפהאַלטן און מען דאַרף זיך באַפעסטיקן צווישן די טײַכן וואַרטע און אָדרע און דאָרט שטעלן אַ ווידערשטאַנד. דער נאַציאָנאַלער ראַט באַשליסט אָבער יאָ צו פאַרטיידיקן פּראַגע.

עס זענען אויסגעבויט געוואָרן שאַנצן פון ווײַסל־ברעג אין דער פאָרעם פון אַ דרייעק צו טאַרגוּוועק, קאַמיאָנקע און די זומפּן פון דער סאַסקע־קעמפּע. דער שפּיץ פון דער פאַרטיידיקונג־ליניע איז געווען דער פּראַגער ייִדישער בית־עולם (ערשט וואָס געעפנט אין יאָר 1789) און דער „זוויעזשיניעץ" (זאָאָלאָגישער גאָרטן). די סאַסקע־קעמפּע, וווּ 3000 וואַרשעווער און פּראַגער אײַנוווינערס האָבן אויסגעגראָבן אָקאָפּעס, איז געווען פאַראייניקט מיט פּראַגע דורך צוויי בריקן.

די צאַרישע אַרמיי אין אַ באַשטאַנד פון אַרום 25.000 מאַן, אָנגעפירט פון סוּוואָראָוון, האָט דעם צווייטן נאָוועמבער 1794 פאַרנומען די פּאָזיציעס הינטער פּראַגע. פּראַגע איז פאַרטיידיקט געוואָרן פון אַן אויפשטאַנד־אַרמיי פון 13.637 און 10.000 ציווילע מיטהעלפערס פון פּראַגע און וואַרשע. דעם ערשטן אַרטילעריע־אָנגריף האָט סוּוואָראָוו אונטערגענומען אויפן צווייטן טאָג קעגן די פּאָזיציעס וואָס זענען פאַרטיידיקט געוואָרן דורכן גענעראַל יאַקוב יאַשינסקי. די פּוילישע האַרמאַטן האָבן מיט דערפאָלג אָפּגעשלאָגן די מוראַדיקע אַטאַקעס און צוזאַמען מיט דער אַרמיי האָט אַרויסגעוויזן העלדישקייט די ציווילע באַפעלקערונג.

דעם 5טן נאָוועמבער פאַרטאָג קומט אַ צווייטער שטורעם־אָנ־

---

(15) ציטירט לויט מאַריאַ דלוסקאַ.

גריף אויף די פּאָזיציעס פון גענעראַל יאַשינסקי. דער שוידערלעכער קאַמף גייט איבער אויף שווערדן און באַגנעטן. ווען די אָפּגעשוואַכטע אויפשטענדלערס זעען אַז דער קאַמף איז אַ פאַרשפּילטער, ציִען זיי זיך צוריק צו דער ווײַסל־בריק. יאַשינסקי טראַכט אָבער ניט אויפצוגעבן דעם קאַמף כאָטש גענעראַל זאַיאָנטשעק באַפעלט אים צוריקצוטרעטן. „די שלאַכט איז פאַרשפּילט, אַ שאָד אומזיסטע קרבנות. טרעט אָפּ!״ — זאָגט ער.

„אַזוי לאַנג ווי מײַנע מענטשן זענען גרייט אָנצוהאַלטן דעם קאַמף, וואָלט געווען אַ חרפה צו אַנטלויפן פון דער שלאַכט״ — ענטפערט גענעראַל יאַשינסקי, „איך בלײַב אויף מײַן פּאָזיציע און וועל קעמפן ביז צו לעצטן!״

„יעדער ווידערשטאַנד איז פשוט אַ משוגעת! ווילסט שטאַרבן, בלײַבן!״ — זאָגט גענעראַל זאַיאָנטשעק און פאַרקירעוועט זײַן אַרמיי צו דער בריק. יאַשינסקי ווערט אויפגעקאָכט. מיט געבײַלטע פויסטן שרײַט ער אים נאָך: „פאַרראַט!״.

„פאָרויס!״ — גיט ער אַ קאָמאַנדע צו זײַנע העלדן און וואַרפט זיך אין שלאַכט אין אַ פאַרצווייפלטן קאַמף. דער יונגער יאַשינסקי האָט דאַן אָנגעפירט מיטן 5טן און 7טן ליטווישן רעגימענט, ווי אויך מיטן ייִדישן פּאָלק פון בערעק יאָסעלעוויטש.

כמעט אַלע זענען אומגעקומען אין דער בלוטיקער שלאַכט, נאָר יאַשינסקי אַליין, אַ שווער פאַרוווּנדעטער, לאָזט ניט אַרויס די שווערד פון דער האַנט. די צאַרישע סאָלדאַטן קענען אים ניט פאַנגען אַ לעבעדיקן און זיי דערשטעכן אים מיט די באַגנעטן.

פּראַגע איז שוין פאַרלוירן און וואַרשע קען זיך מער ניט פאַרטיידיקן. סטאַניסלאַוו אויגוסט אַבדיקירט און פאָרט אָפּ קיין פּעטערבורג. עס קומט פאָר די דריטע צעטיילונג פון פּוילן: יעקאַטערינע בלײַבט מיט דער פאַרכאַפּטער ליטע, עסטרײַך מיט קראָקע, און וואַרשע פאַלט אַרײַן צו פּרײַסן.

---

בלויז דרײַ שעה האָט געדויערט סוואָראָווס בליץ־אַטאַקע אויף פּראַגע, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט מיט איר באַזונדערער שאַרפקייט. פון דער רעגולערער פּוילישער אַרמיי זענען געפאַלן 13.340 מאַן, צווישן זיי כמעט דער גאַנצער ייִדישער פּאָלק, וועמענס העלדישער אומקום אויף די פּראַגער פּאָזיציעס האָט אַרויסגערופן דערשטוינונג און באַוווּנדערונג אין דער פּוילישער געזעלשאַפט. די ייִדישע קעמפערס האָבן זיך ניט געלאָזט פאַנגען לעבעדיקערהייט און ערשט איבער זייערע טויטע גופים זענען די קאָזאַקן אַרײַן אין פּראַגע.

אין זײַנע זכרונות שרײַבט פראַנטשישעק קאַרפּינסקי וועגן דעם קאַמף אין פּראַגע און וועגן דער ראָלע פון ייִדישן פּאָלק:

„אַ גאַנצע וואָך האָט דאָס רוסישע חיל אונטער סוואָראָווס אָנפירונג זיך געגרייט צום אָנגריף. אונדזער אויפשטאַנד־אַרמיי איז געווען קליין אין צאָל. עס איז שוין געווען שפּעטער האַרבסט. די פּוילישע זעלנערס זענען געווען שלעכט אָנגעטאָן און אויסגעהונגערט. די וואַרשעווער באַפעלקערונג האָט זיך שוואַך אָפּגערופן און בלויז אַ קליינער טייל איז אַרויס צו הילף די אויפשטענדלערס, כדי צו פאַרטיידיקן פּראַגע.

בלויז דער ייִדישער פּאָלק איז ניט אָפּגעטראָטן פון די פּאָזיציעס, ווו ער האָט געטרײַ און מיט מסירת־נפש דערפילט זײַן חוב״.

וועגן גורל פון בערעק יאָסעלעוויטשן גופא ווייסט מען אַז אים מיט נאָך 10 פון פּאָלק איז אין דער לעצטער מינוט געלונגען דורכצורײַסן זיך קיין וואַרשע און דערנאָך אַוועק קיין אויסלאַנד, כדי צוצושטיין צו די פּוילישע לעגיאָנען וואָס האָבן געקעמפט אונטער נאַפּאָלעאָנען. עס איז פאַרבליבן אַ בריוו פון בערעקן צום גענעראַל יאַן הענריק דאָמבראָווסקי, דעם שעפער פון די פּוילישע לעגיאָנען, וועגן זײַן באַשלוס אַרײַנצוטרעטן אין זיי. (16) ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס וואַרשעווער פירשטנטום (17) און בלויז אַ קליינער טייל פון די לעגיאָנערן האָט זיך אומגעקערט קיין פּוילן, האָט זיך צווישן זיי אויך געפונען בערעק יאָסעלעוויטש וואָס איז געבליבן אין דינסט פון וואַרשעווער פירשטנטום, און איז אומגעקומען אין קאַמף מיט די עסטרײַכער אין דער שלאַכט הינטער קאָצק אין יאָר 1809. אַ באַשטעטיקונג דערפון איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט אַ סך יאָרן שפּעטער אין דער „אַלגעמיינער לאַנדצײַטונג״ (דזשיענניק פּאָווּשעכני קראַיאָווי) פון 1טן סעפּטעמבער 1831.

(16) אין אַ בריוו וואָס גענעראַל קניאַזשעוויטש האָט געשריבן צו איינעם פון די מיטשעפערס פון די לעגיאָנען, וויביצקי, אין יאָר 1800, זאָגט זיך אַז דער פּאַלקאָווניק בערעק האָט אָנגעפירט אין איטאַליע מיט צוויי קאָמפּאַניעס.

---

די ייִדישע הילף לטובת דער אינסורעקציע איז באמת געווען אַלזײַטיק. אחוץ די פינאַנציעלע בײַטראָגן און דער דירעקטער באַטייליקונג אין קאַמף, אין מיליטער־דינסט און אין טראַנספּאָרטבאַדינונג ווי בעלי־עגלות, האָבן ייִדן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין אויסשפּירדינסט לטובת די אויפשטענדלערס. די ייִדן ווי אַ מער ריזעוודיקער עלעמענט פון דער לאַנד־באַפעלקערונג, וואָס האָבן דערצו אָפט געקענט עטלעכע שפּראַכן, זענען געווען גאַנץ צוגעפאַסט דורכצופירן אויסשפּיר־אַרבעט פאַרן פּוילישן מיליטער. עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן עס געטאָן גאַנץ אומזיסט, אויס איבערגעגעבנקייט צום אומאָפּהענגיקייט־אידעאַל, און אויך אַנדערע וואָס האָבן עס געטאָן פאַר געלט. עס איז אינטערעסאַנט אַז אין אָנהייב האָט מען אַפילו געטראַכט צו אָרגאַניזירן ספּעציעלע ייִדישע אויסשפּיר־אָפּטיילן אונטער דער אָנפירונג פון בערעק יאָסעלעוויטשן און יוסף אַראָנאָוויטשן.

אָפט האָט מען אויף די קהילות אַרויפגעלייגט דעם חוב נאָכצושפּיאָנירן דאָס רוסישע מיליטער און איבערגעבן די רעזולטאַטן דער אויפשטאַנד־קאָמאַנדע (18).

די ייִדישע פײַער־לעשער אין וואַרשע בעת דער אַטאַקע אויף דער שטאָט מצד סוואָראָוון אָדער מצד פּרײַסן, האָבן דורכגעפירט איינע פון די וויכטיקסטע פונקציעס פאַר דער פאַרטיידיקונג. עס זענען אין די שטאָטצירקלען געווען באַשטימט גרופּעס פון 30 פײַער־לעשערס — 20 ייִדן און 10 קריסטן — און זיי האָבן שטענדיק געמוזט זײַן גרייט צו לעשן שרפות.

עס איז אינטערעסאַנט אַ באַשרײַבונג פון אַ וואַרשעווער צײַטונג פון יאָר 1794 וועגן דער באַטייליקונג פון ייִדן בײַם גראָבן שוצגריבער קעגן דער געפאַר פון פײַנדלעכע אַטאַקעס אויף דער הויפּטשטאָט.

„דעם 12טן יוני אין דער פרי האָבן זיך פאַרזאַמלט אין וואַרשע 2000 ייִדן, און באַוואָפנטע מיט לאָפּעטעס זענען זיי געגאַנגען צו די שוצגריבער. דער מאַרש פון די ייִדן איז געווען זייער אַ פײַערלעכער: בראָש איז געריטן אויף אַ פערד דער אָנפירער מיט אַן אויסגעשטרעקטער שווערד. אויפן וועג אַהין און צוריק האָט זיי באַגלייט אַ מוזיק־קאַפּעליע. די בירגער האָבן אַרויסגעקוקט פון די פענצטער און אַפּלאָדירט״ (19).

ווען מען נעמט אין באַטראַכט אַז אין וואַרשע האָבן דאָן געוווינט ניט מער ווי 7000 ייִדן, מײַנט די ציפער פון 2000 פרײַוויליקע, וואָס האָבן געאַרבעט בײַ די שוצווערק פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט, די גאַנצע דערוואַקסענע מענערישע באַפעלקערונג.

(17) דאָס וואַרשעווער פירשטנטום איז אַנטשטאַנען ווען נאַפּאָלעאָן האָט שוין געהאַט צעקלאַפּט די פּרייסן און עסטרייכער אין אויסטערליץ און יענאַ און אויך פאַרנומען בערלין און ווין, ווו ער האָט דיקטירט זיין ווילן. נאָכן באַפרייען וואַרשע פון די פּרייסן און דעם ווייטערדיקן זיגרייכן מאַרש האָט ער אין 1807 געשלאָסן מיט רוסלאַנד דעם טילזיטער אָפּמאַך און איינגעשטעלט דאָס וואַרשעווער פירשטנטום, וואָס האָלט אַן אַכט יאָר ביז עס ווערט אויפגעלייזט דורכן ווינער קאָנגרעס אין יאָר 1815, שוין נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה.
דאָס וואַרשעווער פירשטנטום האָט געהאַט אַן אייגענע רעגירונג מיט אַ זאַקסישן פּרינץ אָדער הערצאָג בראָש (פרידריך אויגוסט) און מיט אַ פּוילישער אַרמיי וואָס האָט זיך אויך באַטייליקט אין די שפּעטערדיקע קאַמפן פון נאַפּאָלעאָנען קעגן עסטרייך, פּרייסן און רוסלאַנד.

(18) ציטירט לויט ד״ר רינגעלבלום.

(19) ציטירט לויט ד״ר רינגעלבלום.

דער עפילאָג פון די שלאַכטן בײַ פּראַגע איז געווען פאַר די ייִדן אַ טראַגישער. נישט נאָר איז געפאַלן דער גאַנצער בערעק יאָ־סעלעוויטשעס פאָלק, נאָר עס איז אויך אומגעקומען כמעט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון דער פאָרשטאָט. פּראַגע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שוידערלעך בילד: צווישן די חורבות פון די אָפּגעברענטע הײַזער זענען געלעגן קופּעס מתים און צעקריפּלטע טיילן גופים, און אויך די ברעגן פון דער סאַסקע־קעמפּע זענען באַדעקט געוואָרן מיט טויטע קערפּערס, און עס איז אפילו נישט געווען ווער עס זאָל זיי באַגראָבן.

װעגן די דאָזיקע בלוטיקע טעג — באַקאַנטע אין דער ייִדישער געשיכטע אונטערן נאָמען „פּראַגער שחיטה" — איז פיל געשריבן געוואָרן און עס האָט זיך אַפילו אויפגעהיט בײַ ייִדן די לעגענדע וועגן נגיד שמואל זביטקעווער, וועלכער זאָל האָבן געטיילט צו גאָלדענע רענדלעך פאַר יעדן געבראַכטן לעבעדיקן ייִדן און צו זילבערנע רענדלעך פאַר יעדן קערפּער פון אַן אומגעקומענעם ייִדן. אַ פאַקט איז אַז פאַרשידענע היסטאָריקערס און זכרונות־שרײַבערס טרעפן זיך צונויף אין שילדערן אויפן זעלבן אופן די פּראַגער טראַגעדיע. אַזוי צב"ש, באַשטעטיקט דער רוסישער גענעראַל ענ־געלהאַרט, אין זיין בוך זכרונות, אַרויסגעגעבן אין פּויזנע אין 1873, אַז נאָך דער פּראַגער שלאַכט האָט מען אויף שריט און טריט געזען געהרגעטע און שטאַרבנדיקע. בײַם ווײַסל־ברעג זענען געלעגן הויפנס טויטע זעלנערס און ציווילע, — ייִדן, גלחים, פרויען און קינדער.

וואָס שײַך דער צאָל ייִדישע קרבנות, איז אין אַלטן פּנקס פון פּראַגער חברה־קדישא אויסגערעכנט אַ גרויסע ליסטע. אויך אין אַ תחינה וואָס איז אַרויס אין נאָווידוואָר אין יאָר 1813 ווערן דערמאָנט די געפאַלענע אין פּראַגע.

אָבער נישט בלויז ייִדן זענען אומגעקומען, אויך כמעט די גאַנצע פּוילישע ציווילע באַפעלקערונג איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט אין דער שלאַכט וואָס האָט באַרימט געמאַכט די שטאָט — ווי עס שטעלט פעסט די פּוילישע היסטאָריקערין מאַריאַ דלוסקאַ (20).

(20) לויט מאַריאַ דלוסקאַ איז אויסגעראָטן געוואָרן ביזן וואָרצל די גאַנצע פּראַגער באַפעלקערונג.
מאַריאַ דלוסקאַ: „פון אונדזער עבר" דערשינען אין מלוכה־פאַרלאַג פון שול־אויסגאַבעס, וואַרשע 1947.



ייִדן אין דער זיכערקייטס־וואַך אין וואַרשע, 1831.

ב. מאַרק — וואַרשע

# ייִדן אין דער געשיכטע פון פוילן

## 1

## רענעסאַנס

די רענעסאַנס־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אַדורכגעטראָגן מיט אַ געוואַלדיקער קראַפט אין אַ ריי לענדער פון מערב־ און צענטראַל־אייראָפּע זינט דעם 14טן און אין משך פון 15טן, 16טן און דער ערשטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט, האָט אויך נישט אויסגעמיטן די ייִדישע באַפעלקערונג פון די דאָזיקע לענדער. די רענעסאַנס־באַוועגונג איז געבוירן און באַדינט געוואָרן דורך די ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער עקאָנאָמישער באַזע פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט אין די אויסגערעכנטע יאָרהונדערטער אין אַ ריי פאָרגעשריטענע דעמאָלט לענדער. אין שויס פון דעם פעאָדאַלן סיסטעם זענען אויפגעקומען די ערשטע שפּראָצן פונעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע־אופן. אין אַזעלכע לענדער ווי איטאַליע, טשעכיע און פוילן, וווּ די ייִדישע באַפעלקערונג האָט זיך אין יענעם פעריאָד געפונען אין ענגע ווירטשאַפטלעכע באַציִונגען מיט דער אַרומיקער סביבה, האָבן די ענדערונגען, ד"ה דער אויפקום פון די נײַע, פרי־קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע־פאָרמען, אַרויסגערופן בײַ די ייִדן, — פונקט ווי אין לאַנד בכלל — די דערשײַנונג פון רענעסאַנס.

אין דער געשיכטע פון די ייִדן אין פוילן שאַפט די רענעסאַנס־ און הומאַניזם־תקופה איינעם פון די שענסטע פעריאָדן. דער אויפבלי פון ייִדישן ייִשוב אין פוילן, די אַזוי גערופענע גאָלדענע תקופה פון אונדזער געשיכטע, איז ענג פאַרבונדן מיט דער צײַט פון פוילישן רענעסאַנס.

די אַלטע היסטאָריאָגראַפיע — סײַ די פוילישע, סײַ די ייִדיש־פוילישע — האָט געזען אינעם פוילישן רענעסאַנס און אינעם רענעסאַנס אין דער ייִדישער סביבה אין פוילן אַ פּראָדוקט פון אײַנפלוסן פון מערב, אַן איבערפלאַנצונג פון אידייען, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין איטאַליע. די מאַרקסיסטישע היסטאָריאָגראַפיע וואַרפט נישט אָפּ דעם מאָמענט פון געוויסע אײַנפלוסן, וואָס זענען געקומען פון איטאַליע און טשעכיע. אָבער די וואָרצלען פונעם רענעסאַנס אין פוילן שטאַמען נישט פון אויסלענדישע אײַנפלוסן, נאָר פון היימישן פוילישן באָדן. די נײַע שטרעמונגען וואָס זענען געקומען פון איטאַליע וואָלטן זיך נישט אָנגענומען אין פוילן, ווען דער באָדן וואָלט דאָ נישט געווען גרייט פאַר זיי. דער פוילישער רענעסאַנס איז אַ רעזולטאַט פון די ווירטשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין פוילן גופא. אַזוי אַרום איז דער פוילישער רענעסאַנס אַן אייגענע דערשײַנונג פון דער אַנטוויקלונג פון דעמאָלטיקן פוילן. און דער רענעסאַנס, וואָס האָט זיך אין 15טן, 16טן און טיילווײַז אין 17טן יאָרהונדערט פאַרשפּרייט צווישן די פוילישע ייִדן, איז אויך געווען אַ רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג פון לאַנד און פון די ענדערונגען וואָס זענען אַרײַנגעקומען, אונטערן אײַנפלוס פון אָט דער אַנטוויקלונג, אין די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען פון דעם ייִדישן ייִשוב. אויך דער אײַנפלוס פון די רענעסאַנס־אידייען וועלכע האָבן געהערשט בײַ די ייִדן אין איטאַליע, בתוכם אויך בײַ די ייִדישע עמיגראַנטן פון די אינקוויזיציע־פאַרכאַפּטע לענדער שפּאַניע און פּאָרטוגאַל —, איז געווען קענטיק בײַ די ייִדן אין פוילן. אינעם פרי־רענעסאַנס־פעריאָד, אין דער ערשטער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט, האָט אַ געוויסע השפּעה געהאָט אויף די ייִדן אין פוילן די ראַדיקאַלע שטרעמונג אין טשעכישן הוסיטיזם, דער טאַבאָריטיזם, מיט וועלכן די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון די טשעכישע ייִדן האָבן זייער ענג צוזאַמענגעאַרבעט. די הוסיטישע אידייען און דעם געדאַנק פון געמיינזאַמען קאַמף קעגן דער פעאָדאַלער קאַטוילישער אידעאָלאָגיע, קעגן דעם אינקוויזיציע־טעראָר און פאַר מענטשן־ און פעלקער־פאַרברידערונג האָט צו די ייִדן אין פוילן געבראַכט דער פּראָגרעסיווער ייִדישער דענקער פון טשעכיע יום־טוב ליפּמאַן פון מילהויזן, וועלכער האָט געפונען אַן אַזיל אין פוילן און האָט געפירט אַ טעטיקייט וואַרשײַנלעך צוזאַמען מיטן באַרימטן טשעכישן קעמפער און נאָענטן מיטאַרבעטער פון יאַן הוס — היעראָנים פון פּראַג (פאַרברענט געוואָרן אויף אַ שײַטער־הויפן דורך דער אינקוויזיציע אין דער זעלבער צײַט וואָס יאַן הוס).

אין צוויי פון די פריִער דערמאָנטע לענדער — איטאַליע און פוילן — איז די פּראָפעסיאָנעלע סטרוקטור פון די ייִדן געווען אַן אַנדערע ווי, למשל, אין פראַנקרײַך און דײַטשלאַנד. אין די לעצטע צוויי לענדער האָבן די ייִדן — אַרויסגעשטויסענע דורך דער פּאָליטיק פון די פירשטן, פון דעם שטאָטישן פּאַטריציאַט און פונעם קאַטוילישן קלער פון אַלע פּראָדוקטיווע פּראָפעסיעס, פון ערדאַרבעט, מלאכה און טיילווײַז אַפילו פון האַנדל — געמוזט זיך נעמען צום וווּכער. אין דער זעלבער צײַט האָבן די ייִדן אין איטאַליע און פוילן, צוליב אַ ריי ווירטשאַפטלעכע און היסטאָרישע סיבות, זיך פאַרנומען דער עיקר מיט האַנטווערקערײַ, מיט אינטעלעקטועלע פּראָפעסיעס, טיילווײַז מיט ערדאַרבעט, מיט לאַנדווירטשאַפט בכלל, מיט אינטערנאַציאָנאַלן מיסחר, און אין אַ קלענערער מאָס מיט קרעדיט. די ייִדן אין איטאַליע זענען געווען אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס פאַרטרעטן אין די אונטערנעמונגען מיט די נײַע פרי־קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע־פאָרמען. אויך אין פוילן האָבן מיר דאָ אַן ענלעכע דערשײַנונג, הגם אין אַ קלענערן פאַרנעם און בײַ אַנדערע פאַרהעלטענישן, וואָרעם פוילן איז, ראשית, געווען פון מלוכישן שטאַנדפּונקט צענטראַליזירט, והשנית — איז די אינערלעכע קעגנזײַטיקע עקאָנאָמישע קאָנקורענץ אין די שטעט אין פוילן געווען אין אַ שיעור גרעסער ווי אין איטאַליע.

ווען מען בלעטערט אַדורך די גאַנץ קאַרגע אַנטי־ייִדישע ליטעראַטור פון יענער צײַט אין פוילן, ווערט מען ממש דערשטוינט פון די אין תוך פּאָזיטיווע פאַקטן, וועלכע די העצער ברענגען, וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור פון די פוילישע ייִדן אין דער עפּאָכע פון דעם רענעסאַנס. די דאָזיקע פאַקטן דערציילן וועגן דער גרויסער צאָל ייִדישע בעלי־מלאכות אין די פאַרשידנסטע געביטן פון דער פּראָדוקציע, וועגן דער ראָלע פון ייִדן עקספּאָרטערן און אימפּאָרטערן, וועגן דעם באַדײַט פון ייִדן אַרענדאַרן פון מלוכשע אונטערנעמונגען בײַם שטאַרקן די צענטראַליזאַציע פון דער פוילישער מלוכה — אין קעגנזאַץ צו די טענדענצן פון דעם דײַטשן עלעמענט, פון שטאָטישן פּאַטריציאַט און פון אַ טייל העכערער שליאַכטע.*) דער פוילישער היסטאָריקער און עקאָנאָמיסט פּראָפ' יאַן רוטקאָווסקי שטרײַכט אונטער אין זײַנע אַרבעטן די באַדײַטנדיקע ראָלע פון די ייִדישע האַנטווערקערס, לוין־אַרבעטער

*) אין די שפּעטערדיקע צײַטן, ווען פוילן ווערט איינגעלעגט צעריסן דורך די מאַגנאַטן, שפּילן סירוב די ייִדישע אַרענדאַטאָרן שוין אַן אַנדער ראָלע — זיי דינען די מאַגנאַטן.

און אונטערנעמער אין דער אַנטוויקלונג פון דער פאַרלאַג־ און מאַנופאַקטור־פּראָדוקציע אין פּוילן, אַט די ערשטע פאָרמען פון דעם פּרי־קאַפּיטאַליסטישן, בשעתו פּראָגרעסיוון סיסטעם.

**אַ וויכטיקע ראָלע בײַם דערנענטערן זיך מיט געוויסע טײלן** פון דער פּוילישער באַפעלקערונג האָבן געשפּילט סײַ אין איטאַליע, סײַ אין פּוילן די ייִדישע דאָקטוירים, די ייִדן מאַטעמאַטיקער, פיזיקער, אַסטראָנאָמען, די ייִדן איבערזעצער פון דער פרײַדענקערישער אַראַבישער פילאָסאָפיע אויף לאַטײַן, בכלל — דער גאַנצער שיכט ייִדישע אינטעלעקטואַלן, וועלכע זענען אַזוי גרויס אין צאָל אין איטאַליע און זענען גאַנץ באַדײַטנדיק רעפּרעזענטירט אויך אין פּוילן. די רענעסאַנס־עפּאָכע, וועלכע האָט געבוירן — ווי ענגעלס דריקט זיך אויס אין זײַן ווערק „די דיאַלעקטיק פון דער נאַטור" — ריזן פון כאַראַקטער און ריזן פון וויסן, האָט ענלעכע געשטאַלטן אַרויסגערופן צום לעבן אויך בײַ ייִדן, באַזונדערס אין איטאַליע און, הגם אין אַ קלענערער מאָס, אויך אין פּוילן. אין יענער תקופה אין פּוילן, אין דער צײַט פון דער יאַגעלאָנישער דינאַסטיע, וועלכע פאַלט זיך צונויף מיטן גלאַנצפּעריאָד פון פּוילישן רענעסאַנס, האָבן מיר ענערגישע און אויפגעקלערטע ייִדישע אונטערנעמער, וועלכע האָבן גרויסע פאַרדינסטן בײַם אַנטוויקלען אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל, באַזונדערס נאָכן צוריקגעווינען דורך קאַזשימיעזש יאַגעלאָנטשיק דעם צוטריט צום באַלטישן ים, דעם קרעדיט־וועזן. כאַראַקטעריסטיש איז די באַציִונג פון דעם קריסטלעכן שטאָטישן שטאַנד צו די ייִדן אינעם רענעסאַנס־פּעריאָד. דאָרט ווו עס זענען געווען געמיינזאַמע אינטערעסן, דאָרט ווו עס זענען געקומען צום וואָרט די נײַע יונג־קאַפּיטאַליסטישע כוחות, איז געווען אַ קעגנזײַטיקע צוזאַמענאַרבעט, און אין געוויסע געגנטן, למשל, אין ליטע, קאָן מען אפילו נאָטירן געמישטע חתונות, קעגן וועלכע עס האָט גענומען שטורעמען דער קאַטוילישער קלער, דערקעגן דאָרטן ווו עס איז גובר־געווען דער אַלטער צעכסיסטעם, דאָרטן ווו עס הערשן נאָך אַלמעכטיק די אַלטע פּראָדוקציע־ און האַנדלס־פאָרמען פון פעאָדאַלן מיטל־עלטער, קומט צו אַ שטאַרקן אַנטאַגאָניזם, וועלכער ווערט אונטערגעהעצט דורכן רעאַקציאָנערן טייל פונעם קאַטוילישן קלער און ווערט דערפירט ביז בלוטיקע אַנטי־ייִדישע עקסצעסן.

אין יענער תקופה האָבן מיר אויך אין פּוילן קאָלירפולע, אינטערעסאַנטע און נישט זעלטן קעמפערישע אַנטיפעאָדאַלע געשטאַלטן בײַ די ייִדן: ייִדן וועלכע אימפּאָנירן די אויפגעקלערטע פּאַליאַקן מיט זייער אַלזײַטיקן וויסן; ייִדן וועלכע ווערן צוגעלאָזט צו פילאָסאָפישע, רעליגיעזע און בכלל וועלטבאַנעם־דיסקוסיעס אין די העכסטע ערטער, אויפן קראָקעווער אוניווערסיטעט און אויפן קעניגלעכן הויף, ייִדישע הומאַניסטן וועלכע פירן אַ קאַמף און פּאָפּולאַריזירן קאָפּערניקס רעוואָלוציאָנערן סיסטעם אין דער אַסטראָנאָמיע, ייִדן וועלכע רופן זייערע ברידער זיך צו נעמען צו נײַע, נייטיקע פּראָפעסיעס, צו באַהערשן די לערע און די פאַכן פון מעכאַניק, צוצוטרעטן צו בילדונג. אין קעגנזאַץ צו דער לאַגע בײַ ייִדן אין שכנותדיקן דײַטשלאַנד, ווו די אינערלעכע גײַסטיקע מאַכט ליגט אין די הענט פון רבנים פאַנאַטיקער, רײַסט זיך אַרײַן אין דער ייִדישער געזעלשאַפט אין פּוילן דער רענעסאַנס, דער דאָרשט צום וויסן, די מילד־פרײַדענקערישע פילאָסאָפיע (לויט ענגעלסעס אויסדרוק), די טראַדיציע פון מײַמאָנידעסן, וועלכע ווערט אין דער זעלביקער צײַט באַקעמפט דורך די דײַטשע און פראַנצויזישע רבנים. דאָס אַלץ גיט אַ גרונט דעם ערשטן היסטאָריקער פון די ייִדן אין פּוילן, דעם אויפגעקלערטן פּאָליאַק טאַדעוש טשאַצקי, צו מאַכן די פעסטשטעלונג אַז די פּוילישע ייִדן האָבן אין דער רענעסאַנס־עפּאָכע איבערגעשטיגן די ייִדן פון אַנדערע לענדער (מיטן אויסנאַם פון איטאַליע) אין הינזיכט פון וויסן און פון פּראָדוקטיווע פּראָפעסיעס.

צווישן די ייִדישע רענעסאַנס־געשטאַלטן אין פּוילן טײלן זיך אויס אַ ריי קאָלירפולע פערזענלעכקייטן:

יום־טוב ליפּמאַן פון מילהויזן, וועלכער געהערט צו דער געשיכטע פון די ייִדן אין בײדע סלאַווישע לענדער, אין טשעכיע און אין פּוילן, האָט — פּונקט ווי די קריסטלעכע פרײַדענקער, זײַנע מיטצײַטלער, וועלכע זענען אַרויסגעטראָטן קעגן דעם „הייליקן וואַסער", דעם „כשעסט", — נישט געהאַלטן פון מילה. ער האָט געלערנט אַז נישט דאָס מל זײַן דעצידירט וועגן אָנגעהעריקייט צום ייִדישן כלל און וועגן ערלעכקייט, נאָר אַ גוט הארץ, אַ ריין געוויסן



און ערלעכע מעשים. דאָס איז געווען כמעט אַ רעוואָלוציאָנערער אַרויסטריט אין יענער צײַט;

דער ייִד זול (עס איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן זײַן אמתער נאָמען), אַ פילאָסאָפיש־געבילדעטער מענטש, וועלכער איז אײַנגעלאַדן געוואָרן צו פירן דיסקוסיעס אויפן קעניגלעכן הויף;

דער מעדיצין־דאָקטאָר משה פישל, וועלכער איז אומגעקומען, פאַרטיידיקנדיק די ייִדישע קהילה, מיט אַ מאַרטירער־טויט אויף אַ שײַטער־הויפן;

דער הויך געבילדעטער דאָקטאָר און באַקעמפער פון די אַלטע דאָגמאַטיקער שמואל בן משולם, אַ צענטראַלע פיגור אין דער דעמאָלטיקער פּוילישער רענעסאַנס־וועלט;

דער אָנהענגער פון מײַמאָנידעסעס פילאָסאָפיע, דער ראַציאָנאַליסט רב משה איסערלי (רמ"א), וועלכער האָט באַקעמפט דעם רעליגיעזן פאַנאַטיקער און קעגנער פון רמב"ם — דעם לובלינער רב שלמה לוריע. דער רמ"א האָט נאָך איין פאַרדינסט: ער האָט פאַקטיש אין גײַסטיקן זין קאָנסטיטויִרט די פּוילישע ייִדן ווי אַ זעלבסטשטענדיקן ייִשוב אָפּגעריסן פון דער אַפּוטרופּסות פון די קאָנסערוואַטיווע דײַטשע רבנים און דערנענטערט מיט די ייִדן פון סלאַווישן טשעכיע. מען דאַרף אָבער באַמערקן אַז דער רמ"א האָט נאָך טיילווײַז געשטעקט אין דער אַלטער סכאָלאַסטיק.

ווײַטער, די פילאָסאָפיש־געבילדעטע: אַלעזר אשכנזי — אַ קענער פון 12 שפּראַכן —, און אפרים לענטשיצער; דער לעצטער געהערט צום לינקן פאָלקס־טרײַען פליגל פון די הומאַניסטן און פירט אַ קאַמף קעגן דער גביראָקראַטיע און די קאָנסערוואַטיווע רבנים;

דער סעניאָר פון די ליטווישע ייִדן מיכאל עזעפאָוויטש, וועלכער פירט אַ קאַמף קעגן די זעלביקע פאַנאַטישע רבנים און רוקט אַרויס די טראַדיציע פון מײַמאָנידעסן;

דער הויך געבילדעטער ראַציאָנאַליסט יוסף פלוי פון ליטע;

די ערשטע קעמפערין פאַר פרויענרעכט און פאַר רעפאָרמירן די דערציִונג פון ייִדישן קינד, רבקה טיקטינער;

דער איבערזעצער פון די „משלי שועלים" אויף ייִדיש, יעקב קאָפּעלמאַן. סײַ דער לעצטער, סײַ רבקה טיקטינער שרײַבן אין דער שפּראַך פון פאָלק, אין ייִדיש, און געהערן צו די פּיאָנערן פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין פּוילן. בכלל דאַרף מען דאָ צוגעבן אַז — פּונקט ווי דער רענעסאַנס האָט אַרויסגערוקט און פּאַרטייִדיקט די נאַציאָנאַלע שפּראַכן און גערופן צום לעבן די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן — אַזוי האָט ער אויך באַגינסטיקט די אַנטוויקלונג און די חשיבות פון ייִדיש. די עפּאָכע פונעם רענעסאַנס איז די געבורטסצײַט פון דער וועלטלעכער א"ג אַלט־ייִדישער ליטעראַטור, דער אָנהייב פון דער ליטעראַטור אין דער ייִדישער שפּראַך.

פּוילן פון דער רענעסאַנס־צײַט איז געווען אַ צופֿלוכטס־לאַנד פאַר פאַרשידענע פרײַע גײַסטער, וועלכע זענען אויפן מערב גערודפט געוואָרן סײַ דורך דעם קאַטוילישן קלער, סײַ דורך דער נײַער, נישט ווייניקער אײַפעריקער פּראָטעסטאַנטישער קירך. אין פּוילן פון 15טן און 16טן יאָרהונדערט האָבן געפונען אַן אַזיל אַזעלכע אַנטיקירכלעכע אָפּאָזיציאָנערן, וויסנשאַפטלער און פרײַדענקער ווי דאָקטאָר סערוועט, סאַנקאַר, סטאַטאָריוס, סאָצין א"אַנד. אויך ייִדישע געלערנטע און פרײַדענקער, גערודפטע סײַ דורך דער אינקוויזיציע, סײַ דורך די פאַנאַטישע רבנים, ווי דער באַרימטער מעדיקער שלמה קאַלאַהאַרא, ווי דער גרעסטער אַנאַטאָמיקער פון יענער צײַט דאָקטאָר אַמאַטוס לוזיטאַנוס פון פּאָרטוגאַל, ווי דער קעמפער פאַר קאָפּערניקס סיסטעם און דער שילער פון גאַלילײַ, דער מאַטעריאַליסט און אַלזײַטיק געבילדעטער פילאָסאָף און מעדיקער יוסף־שלמה דעלמעדיגאָ, — האָבן געפונען אַן אָרט אין פּוילן. פון דער צווייטער זײַט איז אַ נישקשהדיקע צאָל ייִדישע יוגנט אַוועק זיך לערנען אויף די איטאַליענישע אוניווערסיטעטן, בפרט אין פּאַדוואַ.

די רענעסאַנס־ און הומאַניזם־אידייען האָבן, נאַטירלעך, אַרומגעכאַפּט נאָר אַ טייל פון די פּוילישע ייִדן. אַזוי איז געווען אין פּוילן בכלל און אַזוי איז אויך געווען בײַ די פּוילישע ייִדן. דער רענעסאַנס איז זייער אַ קאָמפּליצירטע דערשײַנונג און פאַר־

מאגט אין זיך גופא קעגנזאצן און ווידערשפרעכן. בעת איין טייל הומאניסטן שטייט נאענט צו די נויטן און לײדן פון פאלק און טרעט ארויס שארף קעגן דער אלטער פעאדאלער אידעאלאגיע און קעגן די געזעלשאפטלעכע תקיפים, מאכט א צווייטער טייל א פשרה מיט דעם רעליגיעזן וועלטבאנעם און שטעלט זיך אויסשליסלעך אין שוץ פון די קלאסן־אינטערעסן פון דער אויפקומענדיקער בורזשואזיע און אײנציִיטיק אויך פון די אלטע סוחרים און מלוכה־מאכט.

אינעם ייִדישן ייִשוב אין פוילן גייט אן א קאמף צווישן די רענעסאנס־פארשטייער, די ייִדישע הומאניסטן, און די קאנסערוואטיווע רבנים, וועלכע האבן מורא פאר די נײַע ווינטן. אין איינעם מיט די לעצטע שטייען די אנהענגער פון דער מיסטיש־רעליגיעזער קבלה־לערע. אין 15טן און אין 16טן יארהונדערט זענען גובר די טרעגער פון די רענעסאנס־אידייען. אין 17טן יארהונדערט קומט אויף אן אנגריף פון צוויי זײַטן: עס פארשטארקט זיך דער קעגנאנגריף פון די פעאדאלע עלעמענטן, עס פארגרעסערט זיך די קאטוילישע רעאקציע מיטן יעזויִטישן ארדן בראש, עס פלאקערן אויך אויף אין פוילן שײַטער־הויפנס, עס קומט ווידער אויף דאס געשפענסט פון בלוט־בילבול; מען ברענט אויף די שײַטער־הויפנס פוילישע כופרים, פרײַדענקער, מען ראבירט פראטעסטאנטישע געבעט־הייזער, מען ברענט אויך אומשולדיקע ייִדן. און פון דער צווייטער זײַט פארשטארקט זיך דער אײַנפלוס פון די פאנאטישע רבנים און פון דער קבלה. סײַ אין איטאליע, סײַ אין פוילן קומט די ירידה פון דער רענעסאנס־באוועגונג. די אלע דערגרייכונגען וועלכע עס האבן אויסגעטראגן און דעראבערט די פיאנערן און שעפער פונעם רענעסאנס בײַ די ייִדן אין פוילן ווערן צעשטערט אונטערן דרוק פון די ווײַטערדיקע געשעענישן אין פוילן, פון דעם צערײַסן אינערלעך און צעטרענצלען די מלוכה דורך די מאגנאטן, פון דעם ארפשטויסן די ראלע פון די שטעט, קורץ גערעדט — אונטערן דרוק פונעם קאנטערזיג פון דעם פעאדאליזם און אויך דורך די פעאדאל־קלעריקאלע עלעמענטן אין דער ייִדישער סביבה.

איינער פון די אומעטיקסטע אויסדרוקן פון דער דאזיקער ירידה איז געווען די אויסשפרייטונג פון דער פארפירערישער שבתי־צבי־באוועגונג צווישן די ייִדן אין פוילן און פון דער פראקטישער קבלה מיט איר גאנצן אבערגלויבערישן קלאפער־געצייג — די רוחות, קליפות, דיבוקים, נסים וכדומה.

פון דער צווייטער זײַט איז די רענעסאנס־תקופה אין פוילן בכלל און בײַ די פוילישע ייִדן בפרט געווען רײַך אין סאציאלע קאמפן, וועלכע האבן אנגענומען פארשידענע פארמען און זיך באזונדערס געשטארקט אין דעם לעצטן פעריאד פון דער רענעסאנס־באוועגונג.

נישט איינע פון די ייִדישע רענעסאנס־געשטאלטן איז אליין געווען אן עקספלואטאטאר. ס'איז גענוג אנצורופן דעם נאמען פון דעם סעניאר פון די ליטווישע ייִדן עזעפאוויטש, וועלכער איז א דאנק זײַן שטעלונג אי אלס סעניאר, אלס הויפט־מוכס פון די ייִדישע שטײַערן, אי אלס פירער פון דעם קעניגס און מאגנאטישע געשעפטן געווארן שטיין רײַך און ארויסגערופן א שטארקע אומצופרידנקייט אין ברייטע ייִדישע שיכטן. דער קאמף צווישן די ייִדישע בעלי־מלאכות און די ייִדישע סוחרים — אונטערנעמער פון דער פארלאג־אינדוסטריע איז געווען א גענוג שארפער. וואס ווײַטער האט זיך דער קאמף אלץ מער פארשארפט. אן אילוסטראציע צו אט דעם קלאסנקאמף זענען א ריי פנקסים.*)

ווען מען רעדט וועגן דעם פוילישן רענעסאנס איז נייטיק זיך אפצושטעלן אויף דעם פראבלעם: די באציִונג פון די רענעסאנס־שעפער און פון די הומאניסטן צו די רדיפות אויף ייִדן.

אין דער ייִדישער געשיכטע איז ברייט באקאנט דער קאמף פון די דײַטשע הומאניסטן רויכלין און הוטען קעגן די אנטי־ייִדישע פראוואקאציעס און בילבולים פון דער קאטוילישער אינקוויזיציע און פונעם משומד און פראוואקאטאר פפעפערקארן. עס איז אויך באקאנט די מענטשלעכע רעאקציע פון דעם בארימטן ראטערדאמער הומאניסט עראזם און פונעם איטאליענישן הומאניסט פיקא דע מיראנדאלא קעגן דעם ארויסטרײַבן די ייִדן פון שפאניע.

*) זע דעם פנקס פון דער חברה קדישא אין זאמאשטש און דעם פנקס פויזן אין דער באארבעטונג פון אפרים קופפער.



די רעוואלוציאנערע באוועגונג פון די איטאליענישע פויערים אונטער דער אנפירונג פון דולטשינא און אנדערע, די נאציאנאל־ און סאציאל־באפרייִערישע באוועגונג פון די טאבאריטן אין טשעכיע, דער פויערים־אויפשטאנד אונטער דער אנפירונג פון טאמאס מינצער אין דײַטשלאנד, — אט די אלע פאלקס־באוועגונגען, וועלכע שאפן דרײַ עטאפן אין דעם אנטיפעאדאלן קאמף פון די פויערישע און שטאטישע פלעבעיִשע מאסן, האבן געטראגן לאזונגען פון מענטשן־ און פעלקער־גלײַכקייט, און קעמפט, דירעקט אדער אומדירעקט אויך פאר דער גלײַכבארעכטיקונג פון די ייִדן. „א קריסט, א סאראצענער (מוסולמענער), א געצן־דינער, א ייִד, אלע זענען זיי גלײַך" — דאס איז געווען די לאזונג פון אט די באוועגונגען.

אין פוילן האבן די פארשטייער פון דער אנטי־פעאדאלער אידעאלאגיע שוין אין די ערב־ און פרי־רענעסאנס־צײַט גענומען אין שוץ די גערודפטע ייִדן. איינע פון די שענסטע געשטאלטן פון דער דאזיקער צײַט, דער דירעקטאר פון קראקעווער אוניווערסיטעט און פארטיידיקער פון יאן הוס, פאוועל ולאדקאוויץ, איז אין זײַנע שריפטן ארויסגעטראטן קעגן די גירושים פון די ייִדן און האט דערקלערט אז די ייִדן זענען גלײַך מיט אלע בירגער (אײַנוווינער) פונעם לאנד. אזא ארויסטריט מצד אן אוניווערסיטעט־פראפעסאר איז אין יענער צײַט געווען א זייער דרײַסטער שריט.

דער לערער פון די פוילישע הומאניסטן קאלימאך (בלאנאקארזי) האט אפן פארטיידיקט די ייִדן און געקעמפט קעגן אריבערטראגן זיי פון קראקע קיין קאזשימיעזש, דער פארשטאט פון דער קעניגלעכער רעזידענץ.

עס זענען באקאנט שריפטן פון אנאנימע מחברים פון די קרײַזן פון דער לינקער גרופע „די פוילישע ברידער" אין וועלכע עס ווערט שארף באקעמפט דער בלוט־בילבול.

געוויסע פארשטייער פון פרײַען גדאנק אין פוילן האבן געשאפן ספעציעלע שטעטלעך אין וועלכע ייִדן פון מערב, געיאגטע און געפלאגטע דורך דער אינקוויזיציע, זאלן זיך קאנען אײַנארדענען און זיך אויסלעבן פרײַ.

נאטירלעך זענען אויך צווישן די רענעסאנס־מענטשן אין פוילן געווען אזעלכע וואס האבן דא און דארט א טשעפע געטאן די ייִדן. אבער דאס איז ארויסגעפלאסן פונעם כאראקטער פון דער רענעסאנס־באוועגונג, וועלכע איז געווען זייער א ברייטע און האט ארײַנגענומען אין זיך פארשידענע עלעמענטן; אויפן רעכטן פליגל פונעם רענעסאנס האבן זיך געפונען, ווי געזאגט, אויך אזעלכע עלעמענטן וואס האבן געמאכט, צוליב מורא פאר די רעוואלוציאנערע פאלקס־באוועגונגען, א פשרה מיט דעם פעאדאלן וועלטבאנעם.

די אמתע טרעגער פונעם הומאניזם אין פוילן און אין אנדערע לענדער זענען ארויסגעטראטן אין שוץ פון באעוולטן מענטש, פון די אונטערדריקטע פאלקסמאסן און פון די גערודפטע ייִדן. די ולאדקאוויצעס און מאדזשעווסקיס, די פארגייער פון דעם פוילישן פראגרעסיוון גדאנק, גייען ארײַן אין דעם פאנטעאן פון די שענסטע געשטאלטן פון דער מענטשהייט. צוזאמען מיט קאפערניק, יאן פון לודזשיסק, ולאדקאוויץ, גאלקא, מאדזשעווסקי און אנדערע ווערן דערמאנט מיט יראת הכבוד אויך די ייִדישע רענעסאנס־געשטאלטן, וועלכע האבן זיך מיט גאלדענע אותיות ארײַנגעשריבן אין דער געשיכטע פון די ייִדן אין פוילן ווי קעמפער קעגן פעאדאליזם, קעגן פינצטערניש, קעגן פארקריפלטער עקאנאמיק, פארן קריטישן גדאנק, פאר ליכט און וויסן, פאר פראדוקטיוויזאציע, פאר די רעכט פון פאלק, פאר דערנענטערונג און צוזאמענארבעט מיט די פראגרעסיווע כוחות פון פוילישן פאלק און פון דער מענטשהייט.

דערלערנען און באשרײַבן די דאזיגע וויכטיקע תקופה אין דער געשיכטע פון די ייִדן אין פוילן, אירע דערגרייכונגען און שאטנזײַטן, דעם קלאסנקאמף וואס האט זיך אויף איר פאן אנטוויקלט, דארף זײַן אן ערן־אויפגאבע פאר די ייִדישע היסטאריקער. אין אלגעמיינעם לאנדמאסשטאב גייט איצט אן בײַ די פוילישע היסטאריקער א פיבערדיקע פארשונג־ און פארלאג־טעטיקייט ארום די גרונטפראבלעמען פון רענעסאנס בכלל און פון פוילישן

רענעסאַנס בפרט. עס ווערן פלײַסיק געפאָרשט די עקאָנאָמישע וואָרצלען פון פוילישן רענעסאַנס, די ערשטע שפּראָצונגען פון קאַפּיטאַליזם אין פוילן, די אידעאָלאָגיעס פון די רענעסאַנס־פאָרשטייער, די פאָלקישע קאַמפּס־באַוועגונגען אין שטאָט און אין דאָרף, דער אויפקום פון דער פוילישער ליטעראַטור. די פוילישע היסטאָריקער וועלכע זוכן — מיט דער הילף פון מאַרקסיסטישן מעטאָד — אַן ענטפער אויף אַ ריי גרונטיקע פראַגעס פון יענער עפּאָכע נעמען אַרײַן אין זייערע פאָרשונגען אויך דעם ייִדישן סעקטאָר, זײַן ראָלע און באַדײַט און זײַן אינערלעכע געשטאַלטיקונג אויפן פאָן פון די אַלגעמיינע ענדערונגען.

אויך דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט, וואָס זײַן וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אַרבעט ווערט פּלאַנירט אין די אַלגעמיינע ראַמען פון דער טעטיקייט פון דעם פוילישן אינסטיטוט פאַר געשיכטע בײַ דער פוילישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, איז צוגעטראָטן צו ברייטערע שטודיעס איבער די פּראָבלעמען פון אַלגעמיינעם און פוילישן רענעסאַנס אין זייער אויסווירקונג אויף דער ייִדישער סביבה און אייננצײַטיק איבערן פּראָבלעם פון דעם צושטײַער פון די ייִדן צו דער רענעסאַנס־באַוועגונג און צו די עקאָנאָמישע ענדערונגען וואָס האָבן געבוירן און באַדינט דעם רענעסאַנס.

.2

## ייִדן — העלדן אין פּאַרצייטיקן פוילן

אין דער באַלעבאַטישער היסטאָריאָגראַפיע, ליטעראַטור און טראַדיציע האָט זיך געשאַפן אַ נישט־ריכטיק, פאַרקריפּלט בילד פון דעם טיפּ פון ייִדישן פאָלקסמענטש אין די אַמאָליקע צײַטן, און נעמלעך: אַ טיפּ פון אַ געבויגענעם, שוואַכן, תמיד געשלאָגענעם און דערשלאָגענעם ייִד, וועלכער איז נישט פעיִק צו פּראָטעסט און ווידערשטאַנד, וועלכער באַטראַכט דאָס גאַנצע לעבן ווי אַ קאָרידאָר (פּרוזדור) צום טויט, צום עולם הבא. עס איז גענוג זיך צו באַקענען אַפילו אויבנאויפיק מיט אַ ריי ייִדישע און פוילישע דאָקומענטן, אָנהייבנדיק פון די סאַמע ווײַטסטע יאָרהונדערטער, כדי צו באַקומען אין גאַנצן אַן אַנדער, פּונקט אַ פאַרקערט בילד: ייִדן אין פּאַרצײַטיקן פוילן זענען געווען פיזיש געזונטע, פעסטע מענטשן מיט גלײַכע רוקנס; ייִדן, וואָס האָבן געקענט האַלטן אַ שווערד און אַ ביקס אין האַנט; ייִדן, וואָס זענען געווען אויסגעצייכנטע רײַטערס; ייִדן, וואָס האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט — נאַטירלעך, ווו עס זענען געווען באַדינגונגען — דעם אויסערלעכן און אינערלעכן שונא. אוודאי איז אויך געווען דער טיפּ פון געבויגענעם, אייביק דערשראָקענעם ייִד. אָבער דער דורכשניטלעכער ייִדישער פאָלקס־טיפּ איז געווען אַזאַ ווי עס צייכענען אים די אַנטשפּרעכנדיקע, אמתע, היסטאָרישע קוואַלן. אַזוי, למשל, שרײַבט דער באַרימטער רײַזנדער אולריך פאָן ווערדען, וועלכער האָט באַזוכט פוילן אין 17טן י״ה, אַז „די פוילישע ייִדן זענען העכער, געוויקסיקער און פיזיש שטאַרקער איידער די ייִדן אין דײַטשלאַנד.“ אַן ענלעכע צייַגעניש שטעלט אויס די ייִדן פון די דעמאָלטיקע דרום־פּראָווינצן פון פוילן דער שליח פון קעניג זיגמונט אויגוסט קאָממענדאָני. אַפילו דער יודאָפאָבישער מחבר מיטשינסקי מוז אין זײַן בילבולים־פולער בראָשור פון 1618 יאָר מודה זיין אַז צווישן די פוילישע ייִדן זענען פאַראַן ריזיקע יונגען, וועלכע קאָנען זיך גוט באַגיין מיט שווערד און בויגן און זענען אויסגעצייכנטע פערדרײַטער.

אַזעלכע ייִדן האָבן נישט פאַרטאַכלעוועט זייער גבורה. שוין פון די עלטסטע צײַטן דערשײַנען זיי ווי פּאַטריאָטן פון זייער היימלאַנד און ווי דרײַסטע קעמפער קעגן פרעמדע אָנפאַלער.

אין אַ גאַנצער ריי שטעט אין 13טן יאָרהונדערט זענען ייִדן, צו גלײַך מיט די נישט־ייִדישע מיעשטשאַנעס אין פּיאַסטישן פוילן, געווען פאַרפליכטעט צו זײַן באַוואָפנט און אַקטיוו אָנטייל צו נעמען אין דער פאַרטיידיקונג פון די שטעט קעגן אָנפאַלן. און באמת: ווען עס לאָזט זיך אַראָפּ אויף פוילן אין 13טן י״ה די געפערלעכע אינוואַזיע פון די מאָנגאָלן, נעמען די שלעזישע ייִדן אָנטייל אין דער באַוואָפנטער שוץ פון די שטעט און שטעלן זיך אַקעגן דער ריזיקער, פאַרטיליקנדיקער טאַטאַרישער כוואַליע. אין די שפּעטערדיקע דורות, ווען גרופּעס פוילישע באַנדלאָזע ריטער פון גרויס־פוילן אָרגאַניזירן זיך אין רויבערישע באַנדעס און באַאומרויִקן די האַנדלסוועגן, נעמען פּויזנער ייִדן, גוט באַוואָפנטע, אַן אַקטיוון אָנטייל אין די עקספּעדיציעס קעגן די דאָזיקע רויבריטער און האַלטן אָפּ שלאַכטן, פאַרטרײַבנדיק די אָנפאַלער, און רייניקן אויס די שליאַכן. ווי עס דרינגט אַרויס פון ייִדישע און פוילישע מקורים זענען ייִדן אין דער צײַט פון רענעסאַנס געווען באַוואָפנט און זיך געקענט באַגיין מיט געווער. די פערזאָן פון יום־טוב ליפּמאַן פון מילהויזן פאַרקערפּערט דעם ייִדישן אָנטייל אין די הוסיטישע פרײַהייטקאַמפן, וועלכע האָבן זיך איבערגעטראָגן אויך קיין פוילן.

פוילישע און וואָלינער ייִדן האָבן אָנטייל גענומען מיט געווער אין האַנט אין די פאַרטיידיקונגס־קאַמפן קעגן די אָפטע איבערפאַלן פון טאַטאַרן און טערקן אין 16טן און אָנהייב 17 י״ה. אין די שאלות ותשובות פון די פוילישע רבנים מהר״ם פון לובלין, יואל סירקיס פון קראָקע און אַנדערע ווערט דערציילט וועגן אַ ייִדישן פאָלקסהעלד בערעק, דער זון פון אהרן פון טישאָוויצע, וועלכער ווערט אין אָט די מאַטעריאַלן אָנגערופן מיט דעם נאָמען „ריטער“; ער האָט העלדיש געקעמפט קעגן שונא ביזן לעצטן אָטעם און איז אומגעקומען אויפן שלאַכטפעלד אַ צעשניטענער דורך די טאָטערישע שאַבלעס. די שאלות ותשובות פון אַנדערע רבנים דערמאָנען נאָך אַנדערע נעמען פון ייִדישע פאָלקסהעלדן וועלכע זענען געפאַלן אין קאַמף קעגן די טאַטאַרן און טערקן, ווי מרדכי יוספס זון, יוסף, ברוך קאָזאַק און נאָך. נאַטירלעך האָט די רבנים אינטערעסירט קודם כל די פראַגע פון די עגונות וואָס זענען נעבליבן נאָך די פאַרפאַלן געוואָרענע גיבורים, צי מעגן זיי חתונה האָבן אַ צווייט מאָל. אָבער מיר דערוויסן זיך בײַ דער געלעגנהייט וועגן ייִדיש־פוילישע העלדן, אומגעקומענע אין שוץ פון לאַנד און פון זייערע אייגענע ברידער, די ייִדן. פון פוילישע קוועלן דערוויסן מיר זיך וועגן דעם אַז אין ליטווישן טייל פון דער דעמאָלטיקער פוילישער מלוכה זענען געווען אַפילו גאַנצע ייִדישע רײַטער־אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין אַ ריי מלחמות. אין דער באַפרײַונגס־מלחמה קעגן דער שוועדישער אינוואַזיע אין יאָר 1655 האָבן אָנטייל גענומען אין דער פאַרטיידיקונג פון צווזמיר (סאַנדאָמיערזש) עטלעכע הונדערט ייִדן, וועלכע האָבן אין איינעם מיט די אָרטיקע פוילישע פּאַטריאָטן העלדיש פאַרטיידיקט דעם דאָזיקן פראָנטאָפּשניט. אַ לאַטייניש געשריבענע כראָניק פון יענער צײַט שטעלט פעסט אַז אויך אין דער פאַרטיידיקונג פון פּרעמיסלע (פּשעמישל) קעגן די שוועדן האָבן זיך באַטייליקט באַוואָפנטע ייִדן. עס זאָל זיך אַפילו האָבן דאָרט אויסגעצייכנט אַ ייִדישער מיליטער־פירער אין ראַנג פון אַ פּאָלקאָווניק — עס איז וועגן דעם פאַקט פאַראַן אַ קורצע ידיעה אין די יאָרביכער פון דער דאָזיקער שטאָט.

עס איז, פאַרשטייט זיך, אוממעגלעך אין אַ קורצן אַרטיקל אויסצושעפּן די טעמע פון ייִדישן אָנטייל אין די גערעכטיקע לאַנד־פאַרטיידיקונג־מלחמות פון פוילן ביזן אַרויסטריט פון טאַדעאוש קאָשציושקאָ. מיר זענען דאָ אויסן געווען בלויז צו געבן אַ קורצן שטריך פון דעם דאָזיקן וויכטיקן פּראָבלעם און אונטערצושטרײַכן די דורותדיקע טראַדיציע פון פרײַהייטקאַמפן בײַ די ייִדן אין פוילן.

## ייִדן אין די אויפשטאַנדן פון 1794 און פון 19טן י״ה

זינט קאָשציושקאָס אויפשטאַנד אין יאָר 1794 און אין משך פון גאַנצן 19טן יאָרהונדערט ברייטערט זיך שטאַרק אויס דער אָנטייל פון די פוילישע ייִדן אין די קאַמפן פאַר פוילנס פרײַהייט און פאַר דער אייגענער גלײַכבאַרעכטיקונג. דער גערענגל פאַר דער בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע פון די פוילישע ייִדן איז אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם אַלגעמיינעם קאַמף פאַר דער באַפרײַונג פון פוילן. אַזוי ווערט די זאַך אויפגעפאַסט סײַ דורך די פּראָגרעסיווע פוילישע פרײַהייט־קעמפער, סײַ דורך די ייִדישע מיטבאַטייליקטע אין די אויפשטאַנדן.

אין קאָשציושקאָס אויפשטאַנד האָט זיך, אויב עס גייט אין דער ייִדישער באַפעלקערונג, באַטייליקט דער עיקר די אָרעמקייט. אין דעם באַרימטן אַפּריל־אויפשטאַנד אין וואַרשע האָבן זיך אויסגעצייכנט גאַנצע גרופּעס ייִדישע פאָלקסמענטשן, וועלכע האָבן זיך מסירת־נפשדיק געוואָרפן אויף די האַרמאַטן און קאַוואַלעריע

פון די צאַרישע קאָזאַקן און אויך אויף די היימישע פאַררעטער. די ייִדן האָבן געקעמפט אויף די גאַסן פון וואַרשע אָרעם בײַ אָרעם מיט דער פּוילישער פּאַטריאָטישער פּלעבעיִשער מאַסע. די ייִדן האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף דער סענאַטאָרסקע, לעשנע, שוויענטאָיערסקע, נאָוואָליפּיע, קראָקעווער פאָרשטאָט. די דאָקומענטן פון יענער צײַט רעכענען אויס די ייִדישע אויפשטענדלער: אברהם פישל, צאַלקע אבראַמאָוויטש, ד״ר יאַן ראָזענפעלד א״אנד.

אין אָקטאָבער 1794 ווערט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער ייִדישער באַפעלקערונג, זי זאָל אַרײַנטרעטן מאַסנווײַז אינעם אויפשטאַנד. דער אויפרוף איז אונטערגעשריבן דורך דעם פּאָלקאָווניק בערעק יאָסעלעוויטש, וועלכער האָט אין איינעם מיט אַ צווייטן פּאַטריאָט, יאָסל אַראָנאָוויטש, געשאַפן, מיטן הסכם פון טאַדעוש קאָשציושקאָ, אַ ייִדישן פּאָלק אין די ראַמען פון דעם אויפשטענדלערישן מיליטער. אינעם אויפרוף ווערט צווישן אַנדערס געשריבן אָט וואָס: „הערט קינדער פון ייִדישן שבט! ווער עס האָט גאָט אין האַרצן און וויל העלפן דעם פּאָטערלאַנד — און דאָס איז מחויב יעדער צו טאָן — דער האָט אַ געלעגנהייט דאָס צו טאָן. ווער עס וויל געווינען פרײַהייט, דער זאָל קעמפן פאַרן פּאָטערלאַנד ביזן לעצטן טראָפּן בלוט!״ (איבערזעצט פון פּויליש — ב. מ.). און ווײַטער: „וועקט זיך אויף ווי די ליבן און לעמפּערטן! וועקט זיך אויף, העלפט אויסצוקעמפן פּוילן, וואָס איז ביז איצט געווען פאַרשקלאַפט!״

נאָך פריִער, אין סעפּטעמבער 1794, האָט אַ פלאַמיקן רוף צו די ייִדן אַרויסגעלאָזט קאָשציושקאָ וועלכער פאַררופט זיך אויף די העלדישע טראַדיציעס פון ייִדישן פאָלק און טייטלט מיט וועגן שאַפן אַ ייִדישן פּאָלק.

דער פּאָלק האָט געהאַט ייִדישע אָפיצירן, נאָמינירטע דורך קאָשציושקאָן. אחוץ דעם פּאָלק־קאָמאַנדיר, בערעק יאָסעלעוויטש, זענען מיר דאָרטן די אָפיצירן: מרדכי יאַקובאָוויטש, מאיר הערשקאָוויטש, חיים יודקעוויטש, מרדכי וואָלפאָוויטש, יאָסל אבראַמאָוויטש א״אנד. בערעקן העלפט אַ פּוילישער אָפיציר, אַנטאָני סקאָטניצקי, וועלכער האָט איבערגעלאָזט געוויסע זכרונות וועגן די רומפולע אויפטוען פון ייִדישן פּאָלק.

דער ייִדישער פּאָלק האָט העלדיש פאַרטיידיקט די פּאָרשטאָט פּראַגע. כמעט אַלע זענען געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד.

איינער פון די היסטאָריקער פון דער דאָזיקער צײַט שטרייכט אונטער אַז בעת דער פּוילישער מאַגנאַט ביסקופּ מאַסאַלסקי האָט פאַרראַטן און איז צוגעשטאַנען צו דער טאַרגאָוויצע, האָט זײַן משרת, דער ייִד בערעק יאָסעלעוויטש, געקעמפט פאַר פּוילנס פרײַהייט אויף דער זײַט פון טאַדעוש קאָשציושקאָ.

דער מאַסן־אָנטייל פון ייִדן אין דעם אויפשטאַנד סײַ אין וואַרשע, סײַ אין אַנדערע שטעט (לובלין, גראָדנע, ווילנע, מערבגאַליציע) קלערט זיך אויף מיט אַ ריי מאָמענטן: מיט דער צוגעבונדנקייט צום פּוילישן היימלאַנד, מיט דער פּאָזיטיווער באַציִונג פון די פּראָגרעסיווע פּוילישע עלעמענטן צו די באַגרענעצטע אין זייער רעכט ייִדן, און מיט דעם ווילן פון דער ייִדישער פאָלקסמאַסע אויסצוקעמפן פאַר זיך מיט געווער אין האַנט גלײַכע בירגעררעכט און מעגלעכקייטן פון עקאָנאָמישער עקסיסטענץ.

די דאָזיקע דרײַ גרונטאימפּולסן שטויסן די ייִדישע פאָלקסמאַסן און די אויפגעקלערטע ייִדישע עלעמענטן צו אַ ברייטן און אקטיוון אָנטייל אין די פרײַהייטסקאַמפן פון 1830, 1846 און 1863-1864.

ווען מיר באַטראַכטן די געשעענישן פון 1830, דעם פאַרלויף פון נאָוועמבער־אויפשטאַנד, מוזן מיר נעמען אין אכט צוויי וויכטיקע מאָמענטן:

ראשית, איז דער אויפשטאַנד־לאַגער נישט געווען קיין אייןהײַטלעכער. דער רעכטער, רעאַקציאָנערער, גרויס־שלאַכטישער פליגל מיט דעם גענעראַל כלאָפּיצקי און אַנדערע אין דער שפּיץ, האָט געהאַט צו די ייִדן אַ נעגאַטיווע באַציִונג, נישט געוואָלט צולאָזן די ייִדן צום מיליטער, געשטעלט אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס האָבן געטראָפן אין דער ווערדע פון ייִדישן מענטש, ווי למשל אָפּגאָלן די בערד. פון דער צווייטער זײַט איז אַרויסגעטראָטן דער לינקער, רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישער פליגל, דער אמתער אויפשטאַנד־לאַגער מיט לעלעוועל, אָסטראָווסקי און אַנד׳ בראש, פאַר וועלכע די גלײַכבאַרעכטיקונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג איז געווען אַן אלף־בית פון זייער פּראָגראַם.

צווייטנס, האָט זיך די סאָציאַל־אידעיִשע דיפערענציאַציע אין דער ייִדישער געזעלשאַפט גופא פאַרשאַרפט אַלץ מער. די באַמיטלטע עלעמענטן און די חסידים האָבן פאַרנומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צום אויפשטאַנד. דערקעגן די ייִדישע אָרעמקייט און אַ גרויסער טייל פון די משכילים האָבן זיך מיט לײַב און לעבן אַרײַנגעוואָרפן אין די אויפשטאַנד־אַקציעס. אין דער שפּיץ פון די פּאַטריאָטישע משכילים האָבן זיך אַרויסגערוקט: ברינער, ד״ר בערענשטיין, די ברידער גוטמאַן, הערניש און אַנד׳. בראש פון דער אָרעמקייט, וועלכע האָט זיך אָרגאַניזירט אין אָפּטיילונגען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און פון דער זיכערקייט־וואַך, געפינען זיך: משה פּאָזנער, משה אַפּער, שאַיע און אבא בענקעל, יצחק קאָן, פּתחיה גאָלדשטיין און אַנד׳. אַ וויכטיקן אָנטייל נעמט בערעק יאָסעלעוויטשעס זון — יוסף בערקאָוויטש.

אין דעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד באַטייליקן זיך נישט בלויז ייִדן פון וואַרשע, נאָר אויך פון לובלין, קראָקע, קאַליש, לוטאָמירסק און אַ ריי אַנדערע שטעט.

אַ גרויסע צאָל ייִדן איז געפאַלן אין שלאַכט אונטער די פענער פונעם אויפשטאַנד.

צווישן דער פּאָליטישער, פּאַטריאָטישער עמיגראַציע, וואָס איז אַוועק נאָכן נאָוועמבער־אויפשטאַנד קיין פראַנקרײַך, האָבן זיך געפונען אַ סך פּוילישע ייִדן, וועלכע האָבן גענומען אין משך פון די יאָרן 1831—1848 אַ טעטיקן אָנטייל בײַם אָרגאַניזירן די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין לאַנד. די וויכטיקסטע פיגור פון די ייִדיש־פּוילישע עמיגראַנטן, סײַ אין זין פון אַקטיוויטעט, סײַ אין זין פון פּראָגרעסיווער אידעיִשקייט, איז געווען יהושע לובלינער, אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון יאָאַכים לעלעוועל און פון וואָרצעל, און אַן אומדערמידלעכער פרײַהייטס־קעמפער.

די געשעענישן פון די יאָרן 1846 און 1848 האָבן אויף די צעריסענע געביטן פון פאַרשקלאַפטן פּוילן אַרײַנגעצויגן נײַע כוואַליעס ייִדן אין דעם אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם. די טעטיקייט פון בעריש מייזעלס און פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן, בפרט אין קראָקע, איז דעם ייִדישן לייענער באַקאַנט און איז שוין באַאַרבעט געוואָרן אין אונדזער נײַער היסטאָריאָגראַפיע.

דעם העכסטן פּונקט האָט דער קעמפערישער אָנטייל פון די פּוילישע ייִדן אין די אויפשטאַנדן דערגרייכט אין 1863—1864. דער אָנטייל אין דעם יאַנואַר־אויפשטאַנד איז אַרײַן טיף אין דער ייִדיש־פּוילישער טראַדיציע, אין פאָלקסלידער און פאָלקס־מעשיות, אין דער ייִדישער און פּוילישער ליטעראַטור.

דער ייִדישער אָנטייל אין דעם יאַנואַר־אויפשטאַנד האָט זיך אויסגעדריקט נישט בלויז אין דעם, וואָס ייִדן זענען געווען פאַרטראָטן אין דער נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערער רעגירונג (הענריק וואָהל) און אין דער אונטערערדישער פּרעסע (הענריק מערצבאַך, יצחק גאָלדמאַן, אדאָלף ראָזמאַניט), נאָר קודם־כל אין דער גאָר גרויסער צאָל פּשוטע ייִדישע שלאַכטמענער און קאָמאַנדירן פון פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילן. איינער פון די דעמאָלטיקע אויפשטאַנדבראָניקער, דער פּאָליאַק זאַניעווסקי, שרײַבט: „אין דער פּראָווינץ פּאָדלאַשע איז פאַראַן לעבן יעדן אויפשטאַנד־קאָמאַנדיר פון שטעטל, וועלכער איז אַ פּאָליאַק, אויך אַ געהילפס־קאָמאַנדיר — אַ ייִד״. מיט אַנדערע ווערטער: אין אַ ריי פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען איז לעבן יעדן פּוילישן קאָמאַנדיר געווען אַ ייִד אַ געהילפס־קאָמאַנדיר. דאָס האָט זיך, ווײַזט אויס, גענומען פון דעם מאַסנהאַפטיקן אָנטייל פון די שטעטלשע ייִדן אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. כדי אונטערצושטרײַכן די גלײַכבאַרעכטיקונג פון די ייִדן, האָט מען באַשטימט ייִדישע געהילפס־קאָמאַנדירן. וועגן איינעם אַזאַ ייִדישן פּאַרטיזאַנישן געהילפס־קאָמאַנדיר, משה ברוך פון פּאַרטשעוו, זענען אפילו פאַראַן ברייטערע ידיעות. ייִדישע פּאַרטיזאַנער באַגעגענען מיר אין זייער אַ גרויסן טייל פון די אויפשטאַנד־אָפּטיילונגען: אין די אָפּטיילונגען פון די באַרימטע רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע פירער פּאָדלעווסקי און שעראַקאָווסקי,

ד"ה אין די אפטיילונגען פון די רויטע, אין דער באוווּסטער אפטיילונג פון דעם שפּעטערדיקן הויפּטפירער פונעם אויפשטאנד טראוגוט, אין די אפטיילונגען פון לאנגעוויטש, פראנקאווסקי, באסאק, יעזשאבראנסקי, כמיעלענסקי, מיעראסלאווסקי, וויעזשביצקי און אנדערע.

פון וועלכע סאציאלע שיכטן האבן דער עיקר געשטאמט די יידישע אנטייל־נעמער פון דעם יאנואר־אויפשטאנד? עס איז שווער צו געבן אן אלזייטיקן ענטפער, אבער עטלעכע ביישפּילן קאנען אילוסטרירן דעם דאזיקן ענין.

דער מיטגליד פון דער נאציאנאל־רעוואלוציאנערער אויפשטאנד־רעגירונג, הענריק וואהל (זיין קבר געפינט זיך אויפן גענשער בית־עולם אין ווארשע), איז געוועזן א באנק־אנגעשטעלטער. ווען מען האט וואהלן געכאפּט און פארשיקט אויף סיביר, האט זיין ארט אין דער רעגירונג פארנומען ארטור גאלדמאן, א סטודענט. הענריק מערצבאך איז געוועזן א זון פון א בוכהענדלער. דער באקאנטער פארטיזאן כאנע אלדעם איז געוועזן א קעלנער. דער יידישער קעמפער באלסאם, וואס איז געפאלן אין שלאכט הינטער יאנאוו, איז געוועזן א שניידער, בעת דער יידישער אויפשטענדלער צינגער, וואס איז אויפגעהאנגען געווארן אין פּרוזשענע, איז געוועזן א דאקטאר, געשטאמט פון סוויסלאטש. דער אויפשטאנדלער שלמה פרידמאן פון קראקע איז געוועזן א בעל־עגלה, בעת דער פארטיזאנער מיכאל פראנקפורטער איז געוועזן אן אפּטייק־אנגעשטעלטער. לעאן הויפּטפלייש פון טארנע איז געוועזן א ראזירער, איזידאר האלפערן — א שילער פון דער ראבינער־שול, און אברהם און יאנקל יונגער, אדער יאסל אברהם, זענען געוועזן שניידער. אזוי ארום זעען מיר אז די יידישע קעמפער פון יאנואר־אויפשטאנד זענען דאס רוב באשטאנען פון פאלקסמענטשן, בעל־מלאכות און אויך פון אינטעליגענץ. פון צווישן די אקטיווסטע פארטיזאנער איז כדי אויסצורעכענען דעם יידישן מיטגליד פון די רויטע הענריק אייכמאן, א מיטקעמפער פון פאדלעווסקין. ער האט זיך אויסגעצייכנט אין דער שלאכט הינטער טשיזשעוו און איז געפאלן ביי שטשעקאטשין. מען דארף אונטערשטרייכן אויך דעם אנטייל פון יידישע פאלקספרויען אין די אויפשטאנד־אקציעס.

וועגן דעם פארנעם פון דעם יידישן אנטייל אין דעם אויפשטאנד קאן עדות זאגן דער פאקט וואס בלויז איין מחבר רעכנט אויס 174 יידישע געפאלענע אדער פארוווּנדעטע קעמפער פון בלויז עטלעכע אפּטיילונגען.

דאס פּרעכטיקע קאפּיטל פון יידישן אנטייל אינעם יאנואר־אויפשטאנד ווארט נאך אויף זיין היסטאריקער און באשרייבער. מיטן פאלן פונעם אויפשטאנד האט זיך די גאלדענע קייט פון פוילישע יידן פרייהייטס־קעמפער נישט איבערגעריסן. אין די אכציקער יארן פון פארגאנגענעם יארהונדערט קומט אויף די נייע גרויסע קאמפס־באוועגונג — די רעוואלוציאנערע ארבעטער־באוועגונג אין פוילן, וועלכע האט ארויסגעגעבן א פּרעכטיקע פּלעיאדע קעמפער, בתוכם א גרויסע צאל יידן.

.3

## אין די רייען פון דער רעוואלוציאנערער ארבעטער־באוועגונג און פון דער ווידערשטאנד־באוועגונג

די רעוואלוציאנער־סאציאליסטישע, מארקסיסטישע ארבעטער־באוועגונג האט אנטפּלעקט, אויפגעבונדן, ארגאניזירט און געוויזן א ריכטונג דער ריזיקער קאמפס־ענערגיע וואס האט געשטעקט ביי די ברייטסטע שיכטן פון דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג. אויך די יידישע פאלקסמאסן האבן דערזען פאר זיך דעם וועג פון זייער געראנגל. שוין אין די רייען פון „ערשטן פּראלעטאריאט" געפינען זיך אנגעזעענע גרופּעס יידן פון צווישן דער ארבעטערשאפט און אינטעליגענץ. אין ווארשע, ביאליסטאק, לאדזש, זגערזש און אנדערע שטעט און שטעטלעך באגעגנט מען יידישע קרייזן פון „פּראלעטאריאט". אין ווארשע, למשל, צייכנט זיך אויס דער ליבין־קרייז, וועלכער נעמט א טעטיקן אנטייל אין דער פּיאנערישער רעוואלוציאנערער טעטיקייט פון „ערשטן פּראלעטאריאט". דער דאזיקער קרייז האט ארויסגעגעבן אזעלכע העלדישע געשטאלטן, ווי ווײַנבערגער („רודי"), וועלכער איז אומגעקומען אין דער פּעטראפּאוולאווסקער תפיסה, ווי קאסיוש און שמואל ראבינאוויטש, ווי יוליא מאוושאוויטש. צווישן די אקטיווסטע טוער פון „פּראלעטאריאט" באגעגענען מיר אזעלכע ווי ראזאליא פעלזנהארט, ברעסלער, ווינאווער, פלאוויק, אסיפ ראזימיטשיק, שטיינבערג, לאנדע, ווי לודוויק ווארינסקיס פארבינדלערין פייגע ראזענמאן. די רעוואלוציאנערע ביאגראפיעס פון די דאזיקע געשטאלטן קענען דינען ווי א באגייסטערנדיקער דערציִונגס־מוסטער פארן פאלק. די פּרעסע פון „ערשטן פּראלעטאריאט" האט פארשטאנען די דערציִערישע באדייטונג פון דער פּאפּולאריזירונג פון די יידישע רעוואלוציאנערע געשטאלטן און דעריבער, למשל, געבראכט אן אויספירלעכע שילדערונג פון די קאמפסאויפטועו פון דעם יידישן רעוואלוציאנער שאול ליסיאנסקי, וועלכער האט זיך אקעגנגעשטעלט מיט געווער אין האנט דער צארישער זשאנדאמעריע.

אין די רייען פון סדקפּ"ל (סאציאל־דעמאקראטיע פון פוילן און ליטע) האט זיך דערצויגן א געזונטער, קלאסן־באוווּסטזיניקער און קעמפערישער טיפּ פון יידישן ארבעטער. מיט ארגאניזירן און דערציִען יידישע ארבעטער האט זיך אין יענעם פּעריאד פארנומען אזא גרויסער און אומדערשראקענער רעוואלוציאנערער פירער ווי פעליקס דזשערזשינסקי. אין דער סדקפּ"ל־שול האבן זיך דערצויגן יידישע ארבעטער פון באלוט, סמאטשע און טשענסטאכאווער ארעמע געסלעך. די צייטונגען און געהיימע פּאליציייִשע ארכיוון פון ערשטן יארצענדליק פון הײַנטיקן יארהונדערט ברענגען — אין די באריכטן וועגן די קאמפס־דעמאנסטראציעס פון סדקפּ"ל — גרויסע צאלן נעמען פון יידישע ארבעטער און אינטעליגענץ, וועלכע זענען געגאנגען אין די פאדערשטע רייען קעגן די צארישע סאטראפּן און אן מורא געקעמפט, באשפּריצנדיק אפט מיט זייער בלוט דעם ווארשעווער און לאדזשער ברוק. אויפן רוף פון סדקפּ"ל און פון דער רוסישער מיליטערישער קאמפס־ארגאניזאציע, וועלכע איז געוועזן טעטיק אין קאנגרעס־פוילן, האבן פוילישע ארבעטער, באוווּסטזיניקע רוסישע זעלנער און יידישע פאלקסמענטשן געשאפן בשותפות זעלבשוצן קעגן די פּאגראמען, וואס זענען אינספּירירט און ארגאניזירט געווארן דורך דעם צארישן רעזשים. גרויס העלדישקייט האבן ארויסגעוויזן די יידישע ארבעטער־זעלבשוצן אין ווארשע. א דאנק זייער מוטיקער שטעלונג און דער הילף מצד די רעוואלוציאנערע פוילישע ארבעטער און דער רוסישער מיליטערישער קאמפס־ארגאניזאציע זענען אויסגעמיטן געווארן גרעסערע אנטי־יידישע עקסצעסן אין ווארשע.

די יידישע ארבעטער־מאסע, וועלכע איז באווירקט געווארן דורך דער אלגעמיינער רעוואלוציאנערער באוועגונג אין לאנד, האט ארויסגעגעבן א ריי שיינע קעמפערישע געשטאלטן. פון די טיפּענישן פון דער פאלקס־מאסע איז ארויס ברוך שולמאן, וועלכער ווערט באזונגען אין פאלקסלידער, אדער הירש לעקערט, וועלכער איז געקומען פון דעם לינקן שטראם אין דער בונדישער מאסע.

אט אזוי האט זיך געצויגן די גאלדענע קייט פון דער קאמפס־טראדיציע פון די יידישע מאסן אין פוילן — די דאזיקע טראדיציע האט איר שענסטן אויסדרוק באקומען אין דער קפּ"פּ, אין דער באטווין־קאמפּאניע און אין דעם יידישן אנטייל אין דער ווידערשטאנד־באוועגונג פון אקופּירטן פוילן, וואס אויפן יידישן אפּשניט איז זי געקרוינט געווארן מיטן העראישן אויפשטאנד אין ווארשעווער געטא.

די יידישע רעוואלוציאנערן האבן אין איינעם מיט זייערע פוילישע חברים אונטער די פענער פון זייער פּארטיי געקעמפט מסירת־נפשדיק און העלדיש פאר א פרייע פוילן, פאר א סאציאליסטיש פוילן, פאר דער גלייכבארעכטיקונג און קולטור־אנטוויקלונג פון די יידישע מאסן אין א באמת באפרייט פוילן. אין גאסן־דעמאנסטראציעס און אויף באריקאדן, אין שטרייקן און הונגערמארשן, אין דארפישע אויפשטאנדן און ביי פּארטיידיקן קעגן עקסמיסיעס, אין קאמפן קעגן דיווערסיע און פּראוואקאציע, אין תפיסות און אין קארטוז־בערעזע — אויף אלע אפּשניטן פון גרויסן פראנט האבן ווי זעלנער פון דער רעוואלוציע געקעמפט די

באַטווינס און ענגעלס, די קאַשעוווסקיס און לאַנדויס, די גערמאַניסקיס און נעמי דובינסקאַס. מיר האָבן דאָ צו טאָן נישט סתם מיט העלדישע אַקטן פון יחידים, נאָר מיט אַ דערשײַנונג ווען אַ ריזיקער מענטשן־קאָלעקטיוו, אַ קלאַס, דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק, אַנטפּלעקט זיך אין דער פולער מאָס ווי אַ העלד, אַ קעמפער פאַר פרײַהייט. באַווירקט דורך אָט דער דערשײַנונג האָבן זיך אָנגעגורט מיט אומדערשראָקנקייט און קעמפערישקייט די ברייטסטע שיכטן פון פאָלק. ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין די ריזיקע אַלגעמײנע שטרײַקן קעגן דעם אַנטיסעמיטישן אָנגריף פון דער פאַשיסטישער סאַנאַציע־קליקע, אָדער אין פּשיטיק, ווו פּשוטע פאָלקסמענטשן, אַזעלכע ווי דער אומפאַרטייִשער יוגנטלעכער שלום לעסקאַ, האָבן זיך אַקטיוו אַקעגנגעשטעלט דער צעווילדעװעטער פאָגראָם־באַנדע פון די „אָנ״ר.

און ווען עס זענען אויסגעבראָכן די קאַמפן אין דער שפּאַנישער רעפּובליק זענען מאַסן יידישע יוגנטלעכע פון פּוילן, מאַסן אַנטיפאַשיסטן אוועק אויף די שפּאַנישע שלאַכטפעלדער צו קעמפן פאַר „אײַער און אונדזער פרײַהייט״. צו די שענסטע קאַפּיטלעך פון דער געשיכטע פון די פּוילישע יידן געהערט די באָטווין־קאָמפּאַניע, וואָס מיט איר זענען פאַרבונדן די נעמען פון הונדערטער יידיש־פּוילישע העלדן, בתוכם דער נאָמען פון דעם קאָמ׳־טוער ח׳ גרשון דוא־באָגען. פאַר דער פרײַהייט פון דער שפּאַנישער רעפּובליק, וועלכע זיי האָבן מיט רעכט באַטראַכט ווי אַ פּאָזיציע פון קאַמף קעגן פאַשיזם און אַגרעסיע בכלל און פאַר אַ פרײַע פּוילן, האָבן אוועקגעגעבן זייער לעבן די יידישע דאָמבראָווסטשאַקעס — דער אַרבעטער פון ביאַליסטאָק און וואַרשע פריידקעס, דער אַרבעטער פון לאָדזש אייזען, דער אינזשיניער משה שאַפּראַן, דער קאָמיוגיסט שטאַמלער און הונדערטער אַנדערע פרײַוויליקע קעמפער.

ווען די היטלעריסטישע אַגרעסיע, אונטערגעוואַרעמט דורך די דאָלאַרן און פונטן פון די אַמעריקאַניש־בריטישע מאָנאָפּאָליסטן, האָט דערגרייכט פּוילן, האָבן די פּוילישע יידן טרײַ קאָנטינוירט זייערע פּראָגרעסיווע, פּאַטריאָטישע טראַדיציעס. נישט געקוקט אויף די דיסקרימינאַציעס מצד די פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישע אַרמייִשטאַבן, וועלכע האָבן פאַרראַטן און זענען אַנטלאָפן פון שלאַכטפעלד, האָבן יידישע זעלנער צוזאַמען מיט זייערע פּוילישע חברים געקעמפט ביזן לעצטן טראָפּן בלוט כמעט אויף אַלע אָפּשניטן פון פראָנט — בײַ קוטנע און קראָקע, בײַ מאָדלין און אויף די פאָרפעלדער פון וואַרשע, בײַ דער העלדישער פאַרטיידיקונג פון דער באַלאַגערטער הויפּטשטאָט. העכער 36 טויזנט יידן, זעלנער און אונטעראָפיצירן פון דער פּוילישער אַרמיי, זענען אין די טראַגישע טעג פון סעפּטעמבער 1939 געפאַלן אויף די פאַרשיידענע שלאַכטפעלדער. אַרום 61 טויזנט יידן, זעלנער, אונטעראָפיצירן, דאָקטוירים פון דער פּוילישער אַרמיי זענען אַרײַנגעפאַלן אין דער היטלעריסטישער געפאַנגענשאַפט.

אַ סך פון די וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דעם שונאס אַרומרינגלונג האָבן נאָכגעטאָן דעם בײַשפּיל פון דעם קאַפּראַל מרדכי אײַזענבערג, אַ פרײַוויליקער פון ערשטן באַטאַליאָן צו פאַרטיידיקן וואַרשע. ער האָט, נעמלעך, — זעענדיק אַז די שלאַכט איז פאַרשפּילט, — באַגראָבן אונטער דער ערד אַ גרויסע צאָל געווער און אַמוניציע און אַזוי אַרום געהאָלפן פאַרלייגן איינעם פון די ערשטע אונטערערדישע אַרסענאַלן פאַר די שפּעטערדיקע קעמפער פון דער אָקופּאַציע־צײַט.

אויפן מוסטער פון מאַריאַן בוטשעק האָבן טויזנטער יידישע אַרבעטער פאַרטיידיקט וואַרשע, זייער בלוט האָט זיך צונויפגעמישט מיטן בלוט פון זייערע פּוילישע קאַמפסברידער.

די שלאַכט פאַר פּוילן איז דעמאָלט געוואָרן פאַרשפּילט. די סיבות זענען גוט באַקאַנט: די גאַנצע פאָלקס־פײַנטלעכע און נאַציאָנאַל־פאַררעטערישע פּאָליטיק פון דעם סאַנאַציע־רעזשים מיט איר קאַפּיטולאַציע אין דער אויסערן־ און אינערן־פּאָליטיק פאַרן „דריטן רײַך״. אַפילו אין לעצטן גסיסה־מאָמענט האָבן די דאָזיקע קרײַזן געפּראָוועט אין באַלאַגערטן וואַרשע העצעס קעגן יידן.

בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, אין דער אונטערערד, זענען צוריק געקומען צו זיך נאָך דער גרויסער שרעקלעכער מפּלה די כוחות וואָס האָבן אָרגאַניזירט אַ קאַמף אויף לעבן און טויט קעגן דעם אָקופּאַנט און זײַנע יוצר־משרתים.



די פּפּ״ר (פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי) האָט אָנגעבונדן אין איר טעטיקייט צו די שענסטע קאַמפּס־טראַדיציעס פון פּוילישן פאָלק — צו קאָשציושקאָ און דאָמבראָווסקי, צו די נאַציאָנאַלע אויפשטאַנדן און צו די רומפולע קאַמפן פון די אַרבעטער־פּאַרטייען: „פּראָלעטאַריאַט״, סדקפּ״ל, און קפּ״פּ.

די דאָזיקע טראַדיציעס, אין איינעם מיטן גערעכעניש פון בערעק יאָסעלעוויטש, פון שולמאַן, לעקערט און באָטווין, פון די אינטערנאַציאָנאַליסטישע זעלבשוצן קעגן פּאָגראָמען, האָבן באַלויכטן דעם וועג פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ, וואָס איר שטאַרקסטער און העכסטער אויסדרוק איז געווען דער אויפשטאַנד פון אַפּריל—מײַ 1943.

טויזנטער זענען זיי געווען, די קעמפער פון וואַרשעווער, ביאַליסטאָקער, קראָקעווער געטאָס, פון די טויטלאַגערן, און אַ ריזיקע מחנה פון פּאַרטיזאַנער אין די רייען פון דער פאָלקסגוואַרדיע און פון די סאָוועטישע אָטריאַדן. עס האָט זיך אין זיי פאַרקערפּערט די גאַנצע קאַמפּס־טראַדיציע און שלאַכט־דערפאַרונג פון דורות פּוילישע יידן און פון דער רעוואָלוציאָנערער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ סך פון זייערע נעמען זענען באַקאַנט, נאָך מער זענען געבליבן אומבאַוווּסט — אַ ריזיקער לעגיאָן פון קעמפער פאַר פרײַהייט און מענטשלעכער ווערדע. עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש וואָס אַ סך נעמען חזרן זיך איבער סײַ פריִער, בעת די קאַמפן פאַר דער מלחמה, סײַ שפּעטער, אונטער דער אָקופּאַציע. דאָס דערווײַזט אויף דער גראָדער אידעיִשער ליניע וואָס פאַרבינדט די צײַטמעסיק־פאַרשידענע עטאַפּן פון געראַנגל. יוסף לעוואַרטאָווסקי, דער טוער פון קפּ״פּ, געהערט צו די הויפּטגעשטאַלטן פון דער ווידערשטאַנד־ און קאַמפּס־שטריך האָט זיך אין די טיפענישן שמידטס וועג פירט פון קפּ״פּ קיין שפּאַניע און דערנאָך אין דעם קאַמפּסשטאַב אין געטאָ. דניאל מאָשקאָוויטש, דער מוטיקער טוער אויפן מיליטערישן געביט אין וואַרשע, אַנטפּלעקט זיך ווי דער קאָמאַנדיר פונעם אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָק. און אַזוי אויך גאָליע מירע אין קראָקע, און אפרים פאָנדראַמינסקי אין וואַרשע. מרדכי אַנילעוויטש באַגעגענען מיר פאַר דער מלחמה אין אַן ענגן בונד מיטן וואַרשעווער קאָמיוג אין געמיינזאַמען קאַמף קעגן די פּאָגראָם־אָנגריפן פון פּוילישן פאַשיזם און אויך קעגן דעם יידישן פאַשיזם, דעם רעוויזיאָניזם. אין אַפּריל 1943 טרעפן מיר אים אויפן קאָמאַנדיר־פּאָסטן פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. שלום לעסקאַ פונעם פּשיטיקער זעלבשוץ פאַרענדיקט זײַן לעבן רומפול אין די פּאַרטיזאַנישע רייען. נאַטירלעך, איז אין די געטאָס, לאַגערן און וועלדער אויפגעקומען אַ גרויסע צאָל נײַע קעמפער. דער ווידערשטאַנד־ און קאַמף־שטריך האָט זיך אין די טיפענישן פון פאָלק אַנטפּלעקט און איז אויפגעטראָטן מיט אַ מעכטיקער קראַפט. דאָס איז געווען אַ גרויסער היסטאָרישער צושטײַער צום געראַנגל פאַר אַ סאָציאַל און נאַציאָנאַל פרײַ פּוילן און פאַרן ווידערגעבורט פון די יידישע מאַסן.

די פירער פון הײַנטיקן פאָלקס־פּוילן האָבן טאַקע אַזוי אָפּגעשאַצט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון די געטאָס און לאַגערן און אַרײַנגענומען דעם דאָזיקן צושטײַער פון די יידן אין די טראַדיציעס פון באַנײַטן פּוילישן פאָלקס־מיליטער.

אין דער זעלביקער צײַט איז דער דאָזיקער יידישער צושטײַער געקומען צום אויסדרוק אין די רייען פון די פּויליש־דעמאָקראַטישע מיליטער־פאָרמאַציעס וועלכע זענען אַנטשטאַנען אין ראַטנפאַרבאַנד.

## פון לענינאָ ביז בערלין

לענינאָ איז אַ דאָרף אין סמאָלענסקער געגנט. הינטער לענינאָ אויף מזרח צו ציט זיך אַ ריזיק פלאַכלאַנד. און פאָרויס, אויף מערב, ליגט די ווײַסרוסישע ערד, און ווײַטער, נאָך ווײַסרוסלאַנד — פּוילן.

דאָ האָט זיך אין אָקטאָבער 1943 פאַרבונדן אַ ביטערע שלאַכט. פאַר די טײלן פון דער סאָוועטישער אַרמיי איז דאָס געווען נאָך איין קאַמפּס־אָנשטרענגונג צווישן די טויזנטער שלאַכטן. פאַר דער יונגער אָקערשט געשאַפענער קאָשציושקאָ־דיוויזיע איז דאָס געווען דער ערשטער פײַערפּרוּוו, דער ערשטער פראָנט־עקזאַמען.

צוזאַמען מיט די פּוילישע קאַמפּס־חברים האָבן זיך געריסן פאָרויס, צו די פּאָזיציעס פונעם שונא, אויך פּוילישע ייִדן — זעלנער און אָפיצירן פון דער ערשטער דיוויזיע.

ביי לעגינאָ איז מקוים געוואָרן דער חלום פון זייער אַ סך פּוילישע ייִדן, וועלכע האָבן געטרוימט וועגן אָנטייל נעמען מיט געווער אין האַנט אינעם קאַמף קעגן די היטלעריסטישע האָרדעס.

אַ סך פון זיי זענען געפאַלן אין קאַמף בעתן שטורעמען דעם שונאס פּאָזיציעס, ביים פאַרנעמען די דײַטש־פאַשיסטישע אָקאָפּעס.

אָט איז אַ רשימה פון די געפאַלענע ייִדן, זעלנער און אָפיצירן פון דער ערשטער דיוויזיע ביי לעגינאָ:

אײַזען לייב, אַ זעלנער; אַזשעך יוסף, אַן עלטערער זעלנער; אַלוויים יעקב, אַ פּאָרוטשניק; ברוין יצחק, אַ כאָראָנזשע, בערקאָוויטש זביגניעוו, אַ זעלנער; גרינגלאַס עליע, אַ קאַנאָנירער; געבוקשפּאַן משה, אַ קאַפּראַל; גאָלדרינג אנשל, אַ זעלנער; גאָטליב אַלעקסאַנדער, אַ זעלנער; די ברידער האַלפּערן משה און לעאָן, זעלנער; האָפער אַלעקסאַנדער, אַ סערזשאַנט; ווערצל שאַיע, אַ כאָראָזשע, זאַבלודאָווסקי אהרן, אַ כאָראָנזשע, זאַגאַלניק מיכאַל, אַ זעלנער; זיסמאַן לעניעק, אַ זעלנער; זאַוואַדאַ הערש, אַ פּלוטאָנאָווע, אַ מיליטערישער ראַבינער; יאַקובאָוויטש מאָטל, אַ קאַפּראַל; יאַבלקאַ פּיניע, אַ זעלנער; לעדערמאַן יוסף, אַ זעלנער; לופּטגלאַס הערש, אַ קאַפּראַל; ליסט חיים, אַ זעלנער; ליפּשיץ יצחק, אַ פּלוטאָנאָווע; ליכטענבוים שאַיע, אַ זעלנער, פעלדמאַן הענריק, אַ קאַפּראַל; ציטערשפּילער וואָלף, אַ פּלוטאָנאָווע; צווייגענבאַק חיים, אַ זעלנער; קלינגער מיכאַל, אַ זעלנער; קאָרן לעאָן, אַ זעלנער; קירשנבוים העניעק, אַ זעלנער; קיקין מאיר אַ פּלוטאָנאָווע; קאַהאַן לייב, אַ זעלנער; קאַץ הערמאַן, אַ זעלנער; קאַשינסקי יאַנקל, אַ זעלנער; רייטער אָדאַם, אַ זעלנער; ראַפּאָפּאָרט הערש, אַ זעלנער; שמואל בנימין, אַ זעלנער; שאַפּ שמואל אַ פּלוטאָנאָווע, שטערן דניאל אַ קאַפּראַל; שאַלפּ בן־ציון אַ קאַפּראַל; שיטמאַן מרדכי, אַ קאַפּראַל; שטרוויווײַס סטאַניסלאַוו, אַ זעלנער; שאַצקעס הערבערט, אַ זעלנער; שאַצקי פריץ, אַ זעלנער; שעלוואַך יעקב, אַ זעלנער, שטיין אַדאָלף, אַ זעלנער; שמולעוויטש אברהם, אַ כאָראָנזשע.

דאָס זענען געווען ייִדן פון וואַרשע און פּולטוסק, פון לאָדזש און ביאַליסטאָק, פון וולאָצלאַוועק און נאָווי־דוואָר און פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט אין טיפן סאָוועטישן לאַנד, דאָ געאַרבעט אין מיטל־אַזיע און אוראַל, אין דער לאַנדווירטשאַפט און אין דער אינדוסטריע, אין לאַבאָראַטאָריעס און ביוראָען. אויפן רוף פונעם פאַרבאַנד פון די פּוילישע פּאַטריאָטן האָבן זיי זיך געשטעלט אין די מיליטערישע לאַגערן מיטן פולן באַוווסטזײַן אַז זיי גייען קעמפן פאַר אַ יושרדיקער זאַך. זיי זענען געפאַלן אין קאַמף, אָבער טויזנטער לעבן געבליבענע האָבן קאָנטיניִרט דעם געראַנגל. פאַר זייער געדאַנקען־גאַנג זענען כאַראַקטעריסטיש די בריוו וואָס זיי האָבן געשריבן פון פראָנט צום אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון די פּוילישע ייִדן ביים פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן. אָט איז איינער פון די הונדערטער בריוו: „דאָס אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט פון מיליאָנען אונדזערע ברידער רופט צום קאַמף און פאָדערט אונדז אויף, מיר זאָלן גיין אין קאַמף, סײַ ווי בירגער און זעלנער פון פּוילישן מיליטער, סײַ ווי פּוילישע ייִדן. מיר זענען גרייט אָפּצוגעבן אונדזער לעבן פאַר דער זאַך פון פאַרניכטן דעם היטלעריזם, פאַר דער באַפרײַונג פון פּוילן און פאַרן הייליקן אָנדענק פון די הונדערטער טויזנטער ייִדן וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן”.

די ייִדיש־פּוילישע זעלנער זענען געווען פאַרטרעטן אין אַלע פאָרמאַציעס פונעם יונגן פּוילישן פאָלקס־מיליטער: מיר באַגעגענען זיי אין דער ערשטער אַרמיי, אין דער צווייטער אַרמיי, אין דער פאָרמאַציע אויפן נאָמען פון טראַוגוט, אין אינפאַנטעריע, אַרטילעריע, ביי טאַנקען און אַוויאַציע. מיר זעען זיי כמעט אין אַלע שלאַכטן, ביים פאָרסירן דעם בוג, ביים באַפרײַען לובלין און וואַרשע. טאַקע דאָ, בעת די קאַמפן פאַר דער ווײַסל, צייכענען זיך אויס מיט אַן אויסערגעוויינלעכער גבורה עטלעכע פּוילישע ייִדן. ביי רעמבערטאָוו פאַלט מיט אַ העלדנטויט דער כאָראָנזשע מיכאַל מילער. הינטער וואָלאָמין קומט אום ביי נישט ווייניקער העלדישע אומשטענדן דער פּאָדפּאָרוטשניק יצחק לופּטגלאַס — עס קאָן זײַן אַז דאָס איז אַ ברודער פון קאַפּראַל הערש לופּטגלאַס, וואָס איז געפאַלן ביי לעגינאָ. ביי זשעלאַנקאַ, שוין נאָענט צו וואַרשע, קעמפט ביזן לעצטן טראָפּן בלוט דער כאָראָנזשע י. דאַווידאָוויטש. הינטער פּראַגע פאַלט אין קאַמף דער זעלנער באַצקל קאַץ. ביי אָלשינקע־גראַבאָווסקי קומט אום, קעמפנדיק ביזן סוף, דער כאָראָזשע יאַנקל ווייכמאַן.

די פראָנטצײַטונגען פון פּוילישן מיליטער גיבן איבער וויכטיקע פּרטים וועגן דעם העלדישן טויט פון דעם אַרטילעריסט קאַפּראַל פישמאַן. ער האָט באַקומען אַ זייער פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע, וואָס האָט געפאָדערט אויסערגעוויינלעכן מוט: זיך אַריבערבאַקומען אויף דער צווייטער זײַט ווײַסל, פאַרקאָנספּירירן זיך, אָבסערווירן פון דער נאָענט די פּאָזיציעס און באַוועגונגען פונעם שונא און קאָריגירן דורך אַ ראַדיאָוועג דאָס פײַער פון דער אייגענער באַטעריע. אין משך פון אַ לענגערער צײַט האָט ער די שווערע אויפגאַבע אויסגעפירט בשלמות, ביז דער שונא האָט אים דערשנאַפּט. פון אַלע זײַטן שיט זיך אויף פישמאַנען אַ האָגל פון שראַפּנעלן און קוילן. די דײַטשן רינגלען אים אַרום און דערנענטערן זיך אַלץ מער. פישמאַן זעט אַז עס קומט דער סוף. ער באַשליסט נישט לאָזן זיך כאַפּן לעבעדיקערהייט. ער פאַרטיידיקט זיך לאַנג, ביז עס גייט אים אויס די אַמוניציע. עס גייען אויס די כוחות. אין לעצטן מאָמענט שלײַדערט ער דעם לעצטן גראַנאַט אינעם אייגענעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט. ער קומט אום. קיין לעבעדיקן האָט דער שונא פישמאַנען נישט גענומען.

אויף אַן ענלעכן אופן קעמפט און קומט אום ביים וואַרשעווער פראָנט דער אויסשפּירער ראָזענבערג — צוזאַמען מיט אַ גרופּע פּוילישע שלאַכט־חברים.

דער סאַניטאַר ראָזענשטיין טראָגט אַרויס פאַרוווּנדעטע פון דער פײַער־ליניע. ווען די לאַגע ווערט זייער ערנסט, שטעלט ער זיך אין דער פאָדערשטער שורה, מיט אַ גראַנאַט וואַרפט ער זיך אויפן אַטאַקירנדיקן שונא. ער רופט אויס: „נאַט אײַך, באַנדיטן, פאַרן טאַטן, פאַר דער מאַמען, פאַר די ברידער!” ער פאַלט אין אומגלײַכן קאַמף.

מיט אַ העלדנטויט קומען אום ביים וואַרשעווער פראָנט די טאַנקיסטן ווייסענבוים און הערשקאָוויטש, דער אַרטילעריסט שאַפּיראָ, דער געוועזענער אַקטיוויסט פון קאַרטוז־בערעזע יאַקעס און צענדליקער אַנדערע ייִדן פון די פּויליש־דעמאָקראַטישע מיליטערישע אײנהייטן, וועלכע האָבן געקעמפט ביי וואַרשע.

חוץ די אָקערשט דערמאָנטע זענען בשעת די קאַמפן פאַר באַפרײַען וואַרשע געפאַלן די פאָלגנדיקע ייִדישע זעלנער און אָפיצירן פון פּוילישן פאָלקס־מיליטער:

אַלענדער יוסף, אַ פּאָדפּאָרוטשניק; אַזברוך זוסקינד, אַ זעלנער; אויסטריל משה, אַ שיסער; אַבעלעוויטש איזידאָר, אַ שיסער; באַנקער שלמה, אַ קאַנאָנירער; בערמאַן מיכאַל, אַ זעלנער; בערגער קאָשימיעזש, אַ קאַנאָנירער; באָבער רישאַרד, אַ קאַנאָנירער, גליקסמאַן העניעק, אַ זעלנער; נעמינסקי יצחק, אַ קאַפּראַל; גרין אַדאַם, אַ זעלנער; גוטמאַן קאַראָל, אַ זעלנער; הערשקאָוויטש משה, אַ זעלנער; וואַלמאַן עמיל, אַ זעלנער; ווינאָגראָדזקי אפרים, אַ זעלנער; ווייספעלד יעקב, אַ כאָראָנזשע; ווייס ישראל, אַ זעלנער; הערצבערג באַצקל, אַ זעלנער; לייבאַק מאיר, אַ זעלנער; לאַנדסבערגער שמואל, אַ זעלנער; לעווין גבריאל, אַ זעלנער; מאַקס הענריק, אַ זעלנער; מיצנער ישראל, אַ זעלנער; מאָרדקאָוויטש געניעק, אַ זעלנער; מיטלבוים מיכאַל, אַ זעלנער; נאַפּטאַלעוויטש באָריס, אַ פּאָרוטשניק, נויפעלד יוסף, אַ פּאָדפּאָרוטשניק; פערדענשטיין שיע, אַ קאַפּראַל; פיינגאָלד לעאָן, אַ קאַפּראַל; פרידמאַן מאַריאַן, אַן עלטערער סערזשאַנט; פרייגאָלד יוליוש, אַ זעלנער, פראָם עמיל, אַ זעלנער; פעלדשטיין מאַקס, אַ זעלנער; צוקערקאָרן זעליג, אַ זעלנער; צוקערמאַן סטאַניסלאַוו, אַ זעלנער, שאַפער העניך, אַ פּלוטאָנאָווי; שוואַרץ שמעון, אַ זעלנער; שטאָקמאַן עמנואל, אַ מיליטערישער דאָקטאָר — אַ קאַפּיטאַן און אַנדערע.

עס איז אוממעגלעך אין די ראַמען פון אַן אַרטיקל אַרומצו־

נעמען דעם אָנטייל פון ייִדן אין די ווײַטערדיקע שלאַכטן, וועלכע עס האָט געפירט — אָרעם בײַ אָרעם מיט דער סאָוועטישער ארמיי — דאָס פּוילישע פאָלקס־מיליטער. מען דאַרף ספּעציעל באַטאָנען דעם אָנטייל אין דער שלאַכט בײַ קאָלאָבזשעג, אין פּאָמערן, און בײַ וורוצלאַוו, ווו עס זענען געפאַלן אויך אַ סך פּוילישע ייִדן.

אַ סך פון די וואָס האָבן אָנטייל גענומען און זיך אויסגעצייכנט אין די אויסגערעכנטע שלאַכטן האָבן נאָך דער באַפרײַונג קאָנטינויִרט דעם קאַמף קעגן די פאַשיסטישע דיווערסאַנטישע באַנדעס און זיך צוגעדינט בײַם באַפעסטיקן די זיכערקייט פון לאַנד. לשם בײַשפּיל וועלן מיר אָנרופן דעם נאָמען פון העלדישן יונגן ייִדישן אַרבעטער פון וולאָצלאַוועק אהרן ראָזענקער, וועלכער האָט אַדורכגעמאַכט די גאַנצע שלאַכט־עפּאָפּייע אין די רייען פון דער ערשטער פּאַנצער־בריגאַדע א״נ פון די פאַרטיידיקער פון וועסטערפּלאַטע. נאָכן דערפילן זײַן פּאַטריאָטישן חוב אין קאַמף מיט די היטלעריסטישע פעלקער־מערדער און מיט דער אינערלעכער דיווערסיע האָט ער זיך געשטעלט צו פרידלעכער בויערישער אַרבעט, פּונקט ווי טויזנטער אַנדערע נעכטיקע שלאַכטברידער און הײַנטיקע אַרבעט־חברים.

אין יעדער שטאָט און שטעטל געפינען זיך געוויס אַזעלכע ראָזענקערס און אַנדערע, פון אַ גרעסערן אָדער קלענערן פאַרנעם.

מיט שטאָלץ טראָגן מיר, פּוילישע ייִדן, די דערהויבענע טראַדיציע פון דורות ייִדן קעמפער פאַר אַ פרײַ, ווערדיק און שעפעריש לעבן.



„פּאַטשעיאָוו"

מ. זאַקין און ש. קאַמינסקי
(בוענאָס איירעס)

# אַ בליק אויף וואַרשע

(פון 1795 ביז 1939)

מיטן אונטערגאַנג פון דער פּוילישער מלוכה — נאָך דער דריטער צעטיילונג אין 1795 — הייבט זיך אָן אַ נײַ קאַפּיטל אייגענעם לעבן פון לאַנד. די געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען וואָס די פּוילישע מלוכה האָט נישט געקאָנט לייזן צוליב דעם שולד פון דער שליאַכטע, ווערן נאָך שאַרפער בײַם אונטערגעיאָכטן פאָלק. די פּויערים בלײַבן אַזוי פאַרשקלאַפט ווי פריִער, דאָס שטאָטישע בירגערטום האָט פאַרלוירן דאָס ביסל רעכט וואָס די נישט רעאַליזירטע קאָנסטיטוציע פונעם 3טן מײַ האָט אים צוגעזאָגט, און די מאַגנאַטעריע דינט נאָך מער פאַררעטעריש די דרײַ אָקופּאַנטישע מאַכטן וואָס האָבן אומגעבראַכט דאָס פאָטערלאַנד. אָבער די נישט געלייזטע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען האָבן געפאָדערט זייער ענטפער און ממילא הייבט זיך אָן אַ יורונג און ברויזונג אין לאַנד, וואָס שטײַגט כסדר און כאַפּט אַרום וואָס ווײַטער ברייטערע קרײַזן פון דער באַפעלקערונג. דערצו האָבן מיטגעהאָלפן די געשעענישן אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע — די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות. די ליכטיקע גײַסטער פון פאָלק האָבן דערזען אויפן בײַשפּיל פון פראַנקרײַך דעם אופן ווי אַזוי פּטור צו ווערן פונעם פעאָדאַליזם, און ווי אַזוי אַרויפצופירן דאָס לאַנד אויפן וועג פון דעמאָקראַטישן פּראָגרעס.

דער ערשטער גרויסער אַרויסווײַז פון דעם נײַעם דעמאָקראַטישן „צײַטגייסט" איז געווען דער קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד. דער דאָזיקער לעצטער פּאָליטישער אַקט פון פּוילן ווי אַ מלוכה איז גלײַכצײַטיק געוואָרן דער ערשטער גרויסער אַקט פון דער פּוילישער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. דער אויפשטאַנד האָט אַרומגענומען די בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. דער אויפשטאַנד האָט אַרומגענומען די אָרעמע שליאַכטע, גרויסע מאַסן פונעם בירגערטום און פּויערים. פּאַקטיש האָבן זיך אינעם אויפשטאַנד באַטייליקט אַלע שיכטן פונעם פאָלק מיטן אויסנאַם פון דער פאַררעטערישער מאַגנאַטעריע. און דער באַוואָפנטער אָנטייל פון בערעק יאָסעלעוויטשעס יידישן פאָלק האָט נאָך בולטער באַוויזן דעם אַלפאָלקישן כאַראַקטער פון דער באַוועגונג פאַר פּוילנס פרײַהייט.

דער יידישער אָנטייל האָט אָבער באַדייט נאָך עפּעס. מאַניפעסטירנדיק זייער פולע אײַנגעוואָרצלטקייט אין דער פּוילישער ערד זענען די יידן דורך זייער קאַמף און זייערע קרבנות צום ערשטן מאָל אַרויסגעטראָטן ווי אַן אָרגאַניזירטע מאַסע וואָס וועט פון איצט אָן אַלץ צודרינגלעכער פאָדערן איר פולע גלייך־באַרעכטיקונג אין דעם לאַנד, פאַר וועלכן זי גיט דעם זעלבן בלוטשטײַער וואָס אַלע אַנדערע אײַנוווינערס. אויב די דאָזיקע גלײַך־באַרעכטיקונג האָט זיך פאַרשפּעטיקט אויף גאַנצע אָנדערטהאַלבן יאָרהונדערטער, אויב זי איז געקומען ערשט נאָכן היטלעריסטישן מבול ווען אין פּוילן זענען לעבן געבליבן בלויז רעשטלעך פון די אָפּשטאַמיקע פון די פּוילישע יידן וואָס האָבן מיטגעמאַכט דעם קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד, איז עס דערפאַר ווײַל די פּראָגרעסיווע כוחות פון דער פּוילישער געשיכטע זענען נישט געווען גענוג שטאַרק כדי צו באַפרײַען דאָס לאַנד פון דער אומגליקלעכער ירושה פון דער שליאַכטישער הערשאַפט.

אין דער אַלטער „זשעטשפּאָספּאָליטאַ" — ד"ה אין דעם פעאָדאַלן פּוילן — ווו די שטאָטלײַט האָבן נישט געהאַט קיין רעכט נאָר האָבן „גענאָסן" פון פּריווילעגיעס, איז נישט געווען מעגלעך קיין יידישע גלײַך־באַרעכטיקונג. יידן האָבן „גענאָסן" פון פּריווילעגיעס, זיי האָבן אָבער נאָך מער געליטן פון פאַרבאָטן — פאַרבאָטן צו וווינען אין געוויסע שטעט אָדער אין געוויסע געגנטן, פאַרבאָטן צו באַשעפטיקן זיך מיט געוויסע מלאכות אָדער מיט געוויסע צווײַגן פון האַנדל. זייער גרויס „גליק" אין פּוילן איז געווען וואָס די פּריצים און דער קעניג האָבן זיך אין זיי געניייטיקט ווי אין אַן אינסטרומענט פון דער פעאָדאַלערווירטשאַפט.

מיר שטייען אָבער בײַם סוף פון 18טן און אָנהייב 19טן י"ה. דער פעאָדאַליזם אין פּוילן איז נאָך נישט פאַרשוווּנדן אָבער ער מוז אָפּטרעטן אַ סך פּאָזיציעס לטובת דער אויפקומענדיקער בורזשואַזיע. דער קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד גופא איז אַן עטאַפּ אין דער אויספאָרמירונג פון פּוילן ווי אַ קאַפּיטאַליסטישע נאַציע. און די יידישע גלײַך־באַרעכטיקונג ווערט פּונקט אַזוי אַקטועל ווי די גלײַך־באַרעכטיקונג פון אַלע אײַנוווינערס בכלל.

שוין דער אויפרוף מיט וועלכן קאָשציושקאָ האָט זיך געוואָנדן צו די יידן וועגן אַרײַנטרעטן אין דער באַפרײַונגס־אַרמיי איז אַ נײַס אין דער געשיכטע פון די פּוילישע יידן. אויס מיט קירכלעכע בולעס, קעניגלעכע פּריווילעגיעס און פּריצישע שוצבריוו, צום ערשטן מאָל ווענדט מען זיך צו די יידן ווי צו גלײַכע מיטבירגער, ווי צו קינדער פון איין פאָטערלאַנד. „ווער עס וויל געווינען פרײַהייט, דער זאָל קעמפן פאַרן פאָטערלאַנד ביזן לעצטן טראָפּן בלוט" — אַזוי זאָגט דער נײַער טאָן אין קאָשציושקאָס רוף. אַזעלכע ווערטער זענען מעגלעך אין מויל פון אַ מענטשן וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע קעגן די ענגלענדער, און נאָך מער זענען זיי מעגלעך און פאַרשטענדלעך אין אַ לאַנד וווּהין עס איז דערגאַנגען דער אָפּקלאַנג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

די יידישע מאַסן־באַטייליקונג אין דעם אויפשטאַנד איז געווען אַזוי וויכטיק, אַז זי האָט אַרויסגערופן בײַ אַ פּוילישן פּראָגרעסיוון היסטאָריקער דעם ווײַטערדיקן קאָמענטאַר: „בעת דער פּוילישער מאַגנאַט ביסקופּ מאַסאַלסקי האָט פאַרראַטן און איז צוגעשטאַנען צו דער טאַרגאָוויצע, האָט זײַן משרת, דער ייד בערעק יאָסעלעוויטש, געקעמפט פאַר פּוילנס פרײַהייט אויף דער זײַט פון טאַדעוש קאָשציושקאָ".

טראָץ דעם נצחון איבערן פּוילישן פאָלק האָט זיך דעם צאַרישן פעאָדאַליזם נישט אײַנגעגעבן אָפּצוהאַלטן די ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג פון לאַנד, אַזוי אַז דאָס גאַנצע נײַנצנטע יאָרהונדערט שטייט אונטערן צייכן פון דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין פּוילן בכלל און אין וואַרשע בפרט.

די אינטערנאַציאָנאַלע געשעענישן האָבן דעם פּראָצעס נאָך צוגעאײַלט. די מלחמות צווישן דעם בורזשואַזן פראַנקרייך און די פעאָדאַלע מלוכות פּרײַסן, עסטרײַך און רוסלאַנד האָבן פאַרשנעלערט דעם וווּקס פון קאַפּיטאַליזם אין גאַנץ אייראָפּע און במילא אויך אין פּוילן. עס קומען פאָר טיפע ענדערונגען אין לעבן פון לאַנד, עס בײַט זיך די ווירטשאַפט, עס וואַקסן אויס נײַע סאָציאַלע כוחות, עס ענדערט זיך דער אויסזען פון די שטעט. דער דעמאָגראַפישער וווּקס איז אַ באַדייטנדיקער.

די וואַרשעווער יידן האָבן פון דער אַלטער פּוילישער מלוכה אָפּגעירשנט דעם פאַרבאָט צו וווינען אין דער הויפּטשטאָט. אין דעם דאָזיקן פאַרבאָט זענען געווען פאַראינטערעסירט די רײַכערע שטאָטלייט און די צעכן וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר דער יידישער קאָנקורענץ. זיי טאָקע זענען עס כסדר אײַפערדיק געשטאַנען אויף

דער וואך און געהיטן אז ווארשע זאל זײַן ייִדנריין. עס האט זיך זיי אבער קיין מאל ניט אײַנגעגעבן צו רעאליזירן זייער ווונטש אויף הונדערט פּראָצענט. שטענדיק איז געווען אין ווארשע א ייִדישער ייִשוב, א מאל א קלענערער, א מאל א גרעסערער. צום סוף פון 18טן י"ה האלט דער ייִשוב אין איין וואקסן. אויב אין 1765 וווינען אין ווארשע 2519 ייִדישע נפשות, אין עטלעכע און פערציק הייף, און באשעפטיקן זיך דער עיקר מיט מעקלערײַ, גרויסהאנדל און מיט געבן געלט אויף פּראָצענט, זענען שוין דא אין 1792 6750 ייִדן, וואס באוווינען 370 הייף און פארנעמען זיך מיט שנײַדערײַ, היטל־מאכערײַ, קירזשנערײַ, גאלדשמידערײַ און אנדערע פאכן. אין געוויסע צווײַגן, צ"ב באקלייד, מאכן זיי אויס איבער 80 פּראָצענט.

דערווײַל גייט אונטער די פּוילישע מלוכה און ווארשע פאלט ארײַן צו פּרײַסן — אויף 10 יאר — ווי די הויפּטשטאט פון א נײַער פּרײַסישער פּראָווינץ. די ערשטע שריט פון דער פּרײַסישער מאכט זענען דווקא גינסטיק פאר די ייִדן. מען דערלויבט זיי צו וווינען אין אלע גאסן און עס ווערן אײַנגעפירט געוויסע רעפארמען. די פּרײַסישע רעגירונג באמיט זיך צו "אייראָפּעיזירן" אידע פּוילישע ייִדן. זי צווינגט זיי אנצונעמען פאמיליע־נעמען און פארווערט די רבנים אויסצורופן א חרם. אבער נישט לאנג דויערט דער „ליבעראלער" קורס. שוין אין 1798 דערשײַנט א פּרײַסישער רעסקריפּט וועגן ארויסטרײַבן די ייִדן פון ווארשע און עס ווערן אײַנגעפירט ספּעציעלע ייִדישע שטײַערן, וואס דריקן אומגעהייער אויף דער ייִדישער אָרעמקייט, בפרט אז די פּרײַסישע מאכטהאבער ווענדן אן זייער באריכטע סיסטעמאטישקייט בײַם אײַנמאנען דאס וואס זיי פאדערן פארן מלוכה־אוצר. אפילו פאר א דערלויבעניש אויף א בית־עולם דארפן ייִדן צאלן 400 זלאטעס יערלעך (א גרויסע סומע אין יענער צײַט און בײַ דעם קליינעם ייִדישן ייִשוב אין ווארשע). עס ווערט אויך צוריק אײַנגעפירט דער חרם — דאס מאל ווי א מיטל כדי ארײַנצוקריגן די שטײַערן.

לאנג האט אבער נישט געדויערט די פּרײַסישע ממשלה אין ווארשע. הינטער יענא האט נאפּאלעאן צעקלאפּט, אין 1806, די פּרײַסישע חילות און האט געבראכן פּרײַסנס העגעמאָניע אין צענטראל־אייראָפּע. פּרײַסן האט זיך געמוזט צוריקציִען פון שטיקער פּוילן און אויך פון ווארשע און די פראנצויזן האבן געשאפן א נײַ מלוכהלע — די פירשטנשאפט ווארשע, מיט א זאקסישן הערשער בראש. פארן לאנד איז געגרייט געווארן א קאנסטיטוציע, באזירט אויפן נאפּאלעאָנישן קאָדעקס, וואס האט געזאלט אָפּשאפן די באגרענעצונגען פאר ייִדן. דא האט מען זיך אבער אנגעשטויסן אויפן ווידערשטאנד פון ווארשעווער מאגיסטראט, וועלכער האט בשום אופן נישט געוואלט אײַנגיין אויף ייִדישער גלײַך־בארעכטיקונג. און ער האט זײַנס אויסגעפירט. אין 1809 איז ארויס א דעקרעט וואס האט פעסטגעשטעלט אין וועלכע גאסן פון דער הויפּטשטאט ייִדן טארן נישט וווינען. פון דעסט וועגן איז אין דעקרעט אײַנגעפירט געווארן א „נייס": ער האט געמאכט אויסנאמען פאר געוויסע קאטעגאָריעס ייִדן וואס באזיצן גרויסע קאפּיטאלן, וואס גייען געקליידט אייראָפּעיִש און וואס קענען רעדן פרעמדע שפּראכן. אויף דער דאזיקער דיניטשקער שיכט ייִדישע גבירים זענען נישט חל געווען די אנטי־ייִדישע באשרענקונגען.

די צארישע מאכט וואס האט פארנומען ווארשע נאך נאפּאלעאָנס מפּלה אין רוסלאנד האט באשטעטיקט אלע באגרענעצונגען לגבי די ייִדן און האט נאך צוגעגעבן נײַע. די קאָנסטיטוציע פון קעניגרײַך פּוילן האט אנערקענט בירגעררעכט פאר אלע קריסטן „אן אונטערשיד פון אמונה" און עס ווערט אײַנגעפירט מיליטער־פליכט פאר אלע אײַנוווינערס. אבער פאר ייִדן איז געמאכט געווארן אן אויסנאם, וואס הגם אין גרונט איז ער ארויסגעדרונגען פון דער ייִדישער רעכטלאָזיקייט, האבן אים די פאנאטיש פרומע ייִדן באטראכט ווי א טובה, דהיינו: ייִדן האבן נישט געמוזט דינען אין מיליטער, זיי האבן געקענט אָפּקומען מיט א רעקרוטן־שטײַער, וואס האט אין ווארשע באטראָפן אין נארמאלע צײַטן 100.000 גילדן יערלעך. אגב איז דאס דינען, וואס האט געדויערט עטלעכע יאר, באמת געווען אן אָפּקומעניש.

צו די ערגסטע גזירות פון די אלט־נײַע מושלים געהערן מסתמא דאס ווידער־אײַנשטעלן דעם טאָגצעטל פאר „פרעמדע" ייִדן וואס קומען קיין ווארשע און דאס אײַנפירן דעם ייִדישן רעזיר — ד"ה אין דער אמתן א געטא פאר דער וואקסנדיקער ייִדישער באפעלקערונג.

פון דעסט וועגן קען מען נישט זאגן אז דאס שאפן דאס „פּוילישע קעניגרײַך" (אָדער קאָנגרעס־פּוילן ווייל עס איז געווען א פּראָדוקט פון ווינער קאָנגרעס) האט געבראכט בלויז שאדן פאר דער ייִדישער באפעלקערונג.

ווארשע און אנדערע פּוילישע שטעט, וואס זענען אינדוסטריעל געווען מער אנטוויקלט ווי רוסלאנד, האבן געפונען א ריזיקן אָפּזאצמארק פאר זייערע פּראָדוקטן. מעטאל־אויסארבעטונגען, וועבערײַ און אנדערע אינדוסטריעלע ארטיקלען האבן אָנגעהויבן פליִען פון מערב קיין מזרח, פון אָקופּירטן פּוילן צום אָקופּירנדיקן רוסלאנד און עס האט זיך אָנגעהויבן אן עקאָנאָמישער וווּקס וואס האט אין ווייניק צײַט געענדערט דאס פּנים פון לאנד. ייִדן זענען ארײַנגעצויגן געווארן אין שטראם פון דעם נײַעם עקאָנאָמישן פּראָצעס. ייִדישע האנדווערקערס, לופטמענטשן און סתם אָרעמע־לײַט ווערן פּראָלעטאריער. ווארשע באקומט כסדר א צושטראם פון ייִדן פון דער פּראָווינץ און אפילו פון דער ווײַטער ליטע. אלע דעקרעטן און אלע פארבאָטן וואס שייך די רעכט פאר ייִדן צו וווינען אין ווארשע ווערן בטול דורך דער קראפט פון לעבן. די שטאט איז ארײַנגעשלעפּט אינעם אימפּעט פון דער ארבעט. עס העלפן ווייניק די פּראָטעסטן פון די פּוילישע האנטווערקערס און קליינהענדלערס און אויך פון די דײַטשע מייסטערס, וואס קלאמערן זיך אין דעם איבערבלײַב פון מיטל־עלטער און האבן מורא פארן ייִדישן קאָנקורענט. זיי קענען בלויז נישט דערלאָזן ייִדן צו קוואליפיצירטע ארבעטן און ארויפצווינגען אויף די ייִדישע בעל־מלאכות דעם ביליקן טאנדעט, וואס ווערט, אגב, גיך פארשפּרייט טאקע צוליב זײַן ביליקייט. זיי קענען אבער נישט אָפּשטעלן דעם פּראָצעס פון ארײַנציִען ייִדן אין דער פּראָדוקציע, אזוי אז אין 1825 זענען קנאפּע 73 פּראָצענט פון אלע ייִדן אין קאָנגרעס־פּוילן געווען בעלי־מלאכות, ארבעטער אָדער טאָגלוינער. דער רוסישער מארק איז זייער א גרויסער און ער גיט ארבעט פאר באדײַטנדיקע טיילן פון דער ייִדישער באפעלקערונג. פיל ייִדן „ארבעטן זיך ארויף", ווערן גרויסע סוחרים און וואָיאזשאָרן וואס מאכן דורך גרויסע האנדלס־רייזעס. פאר זיי עקזיסטירט שוין מער נישט דער ראָגאטקע־טויער. זיי קומען פון די ווײַטע לענדער מיט נײַע קענטענישן און נײַע באגריפן. די אלטע פרום־ייִדישע גײַסטיקע וועלט איז פאר זיי שוין נישט גענוג.

וועגן דער דאָזיקער וועלט האט שמעון דובנאוו געהאט אָט וואס צו זאגן:

„אין יענער צײַט, ווען אין מערב־אייראָפּע איז פארגעקומען אן איבערקערעניש אין דעם אלטן ייִדישן שטייגער, זענען די געדיכטע ייִדישע מאסן אין מזרח־אייראָפּע קולטורעל געבליבן פארגליווערט שטיין אויף איין אָרט. ביידע ריכטונגען פון זייער גײַסטיק לעבן, רבנות און חסידות, האבן ציטעריק אָפּגעהיט די יסודות פונעם אלטן לעבנס־שטייגער. די דערציִונג איז געבליבן ווי א מאל: אין חדרים און אין ישיבות 'האט מען געלערנט תורה. מען האט געשארפט די מוחות. מען איז אבער געווען אָפּגעריסן פון לעבן. מיידלעך האבן אזא דערציִונג אויך נישט געהאט. זיי זענען פארבליבן מחוץ יעדער שול. מען האט זיך געפירט אלטפרענקיש, פרי חתונה געמאכט קינדער (צו 13־16 יאר), געהאלטן אויף קעסט, געקינדלט בײַ דער גרעסטער אָרעמקייט און אָפּגעקומען דאס לעבן בשהי־פהי, אויסגעצערט און יונגערהייט פארעלטערט. די דאָזיקע פרום־פארצײַטיקע מאסע האט מורא געהאט פאר יעדער גײַסטיקער „נייס", פאר יעדן פרווו צו פארברייטערן איר גײַסטיקן און געזעלשאפטלעכן קוק. צו א קריג צווישן רעליגיעזער און וועלטלעכער קולטור איז נאך נישט געקומען. די מחלוקות צווישן רבנות און חסידות איז געווען לשם שמים. דאס איז געווען א קריג וועגן דעם טיפּ פון א פרומען ייִדן: אלטע דיסציפּלין פון תורה און מצוות האט זיך געראנגלט קעגן דער כוואליע פון באגײַסטערטער מיסטיק, קעגן דעם בליִנדן קולט פון הייליקע צדיקים".

די דאָזיקע רייד קען מען זיכער אָנווענדן אויף דער ערשטער צײַט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט אין ווארשע. אבער אין די צוואנציקער יאָרן הייבט זיך אָן אן ענדערונג. דאס אײַז הייבט אָן צו צעגיין. דער חדר איז שוין נישט גענוג פאר דער דינער שיכט רײַכע סוחרים און אויך נישט פאר טיילן פון ייִדישן מיטלשטאנד. עס אנטשטייט דער מאָדערניזירטער חדר און עס קומען אויף די ערשטע וועלטלעכע שולן און גאר בקרוב ווערט געגרינדעט דער ראבינער־

אינסטיטוט, וואָס האָט אגב אין די קאַרגע פערציק יאָר פון זײַן עקסיסטענץ נישט אַרויסגעגעבן קיין איין ראַבינער, האָט אָבער יאָ אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל מענטשן מיט וועלטלעכער בילדונג.

בילדונג און וועלטלעכקייט ווערן בכלל אָפטער צווישן ייִדן. עס באַווײַזט זיך די ערשטע „ייִדישע" צײַטונג אין וואַרשע — „דער בעאָבאַכטער אַן דער ווײַכסעל". די שפּראַך אירע איז געווען דײַטש, געשריבן מיט ייִדישע אותיות, איר טיראַזש איז געווען אַ ביז גאָר קליינער — 150 עקזעמפּלאַרן, איר לעבן איז געווען אַ קורצם — אין גאַנצן איין יאָר. פון דעסט וועגן איז אירע סאַמע עקסיסטענץ אַ סימן פון אַנטשטאַנענע נײַע אינטערעסן צווישן ייִדן. און אַז די צײַט איז שוין אַן אַנדערע זעט מען אויך דערפון וואָס עס גרינדעט זיך, אין 1820, דער ערשטער ייִדישער פאַראיין פון האַנדלס-אָנגעשטעלטע — „סטאָוואַזשישעניע סוביעקטווו וויזנאַניאַ מאָיזשעשאָווענאָ". די רעליגיעזע, מיטל-עלטערישע אַטמאָספער פון שול און חדר איז שוין אַ צו דושנע פאַר דער ייִדישער יוגנט. דער משרת, דער אַרבעטער, דאָס דינסטמיידל זוכן אַ ביסל מער פרײַהייט, מער לופט. זיי ווילן זיך פאַרווײַלן, זיי גלוסטן צו דער וועלט אויסערן געטאָ, צום גרינעם וואַלד, צום טײַך. אַ גאַנצע וואָך זענען זיי פאַרהאָרעוועט, אָבער אַז עס קומט שבת גייען זיי שוין מער נישט לייענען פרק, אָדער דעם טייטש-חומש — זיי פאַרשווינדן הינטער דער שטאָט צו פאַרזוכן אַ ביסל אָרעמאַנסקע עולם-הזה. אָבער גאַטס סטראַפּטשעס שלאָפן נישט, זיי קענען נישט דולדן „הפקרות" און עס הייבט זיך אָן אַ קאַמף און די שומרים פון דת באַנוצן זיך מיטן כוח פון דער גוייִשער פּאָליציי כדי אָפּצוהיטן די גאַנצקייט פון דער כנסת ישראל.

די צײַט גייט אָבער נישט אין דער ריכטונג וווּהין עס ווילן עס פירן די רעאַקציאָנערן מכל המינים. אפילו אין לאַנד פון צאַרישן אַבסאָלוטיזם קומען אויף נײַע דעמאָקראַטישע אידעען. עס זענען די יאָרן ערב און נאָך דעם דעקאַבריסטן-אויפשטאַנד אין רוסלאַנד. די פריצישע יוגנט אין אָפיצירן-מונדירן, אַ באַווירקטע דורך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וויל אײַנפירן קאָנסטיטוציאָנעלע רעפאָרמען אין ריזיקן לאַנד. זי מאַכט אַן אויפשטאַנד, אָבער עס איז נאָך נישט געקומען די צײַט פאַר דער פּאָליטישער טראַנספאָרמירונג פון רוסלאַנד. נאָכן דערשטיקן דעם פרוּוו פון די דעקאַבריסטן וויל דער צאַר אומברענגען אַלץ וואָס שמעקט מיט דער פראַנצויזישער קראַמאָלע: אויך אויף פּוילן רוקט זיך אָן אַ שעה פון נסיון, מען וויל אָפּשאַפן די רעשטלעך זעלבסשטענדיקייט פון „פּוילישן קעניגרייך". אַזוי דערנענטערן מיר זיך צום אויפשטאַנד פון נאָוועמבער 1830.

ערב דעם אויפשטאַנד זענען שוין די געזעלשאַפטלעכע שטראָמען אין פּוילן היפּש אויסגעפורעמט. פון איין זײַט געפינט זיך דער עלטערער דור שליאַכטע, העכערע אַרמיי-אָפיצירן, די גרויס-בורזשואַזיע. זיי ווילן נישט קיין אויפשטאַנד. די שליאַכטע ציטערט פאַר דער באַפרײַונג פון די פּויערים. די העכערע מיליטער-לײַט, וואָס שטאַמען אויך פון דער שליאַכטע, זיצן אויף פעטע פּאָסטנס און זיי האָבן קיין אינטערעס נישט אין שינוים וואָס קענען צעוואַקלען זייערע פּאָזיציעס. די גרויס-בורזשואַזיע איז צופרידן פון אירע דערגרייכונגען און פון איר וואַקסנדיקער מאַכט. פון דער צווייטער זײַט, אָבער, געפינען זיך די אָרעמע שליאַכטע, דאָס שטאָטישע קליינבירגערטום, די נידעריקערע אָפיצירן. זיי זענען די טרעגערס פון די אידייען פון נאַציאָנאַלער באַפרײַונג. עס פעלט זיי אָבער גענוג רעוואָלוציאָנערער מוט כדי אַרויסצושטעלן אַ הויפּט-פאָדערונג וואָס קען געווינען די דאָרפישע פאָלקסמאַסן פאַרן קאַמף און דורך דעם דעצידירן דעם גורל פון דער רעוואָלוציאָנערער מלחמה — די פאָדערונג פון דער באַפרײַונג פון די פּויערים. אָן דעם לאָזונג איז דער אויפשטאַנד פון פאָרויס פאַרמשפּט.

דאָס דאָזיקע פעלן פון רעוואָלוציאָנערן מוט קומט אויך צום אויסדרוק אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער מיליטערישער אָנפירונג פון דעם אויפשטאַנד. עס ווערט באַשטימט ווי אַ מיליטערישער דיקטאַטאָר דער גענעראַל כלאָפּיצקי וואָס האָט אַליין ווייניק געגלייבט אין נצחון. במילא זענען די שאַנסן אויף אַ זיג געווען גאָר קליינע.

די ייִדישע מאַסע האָט זיך צום אויפשטאַנד באַצויגן אין אַלגעמיין מיט סימפּאַטיע, און אפילו מיט אַקטיווער סימפּאַטיע. גרויסע טיילן פון דער ייִדישער יוגנט האָבן געוואָלט זיך באַטייליקן מיט געווער אין האַנט אין קאַמף פאַרן פאָטערלאַנד. אָבער די פירער



פון אויפשטאַנד האָבן אויך בנוגע ייִדן אַרויסגעוויזן די זעלבע האַלבקייטן, די זעלבע נישט-דערייסטקייטן וואָס בנוגע אַנדערע פּראָבלעמען. זיי האָבן אפילו ניט געוואָלט אַרײַננעמען די ייִדן אין די אַלגעמיינע מיליטערישע פאָרמאַציעס, כלומרשט צוליב די ייִדישע בערד. פון דעסט וועגן האָבן אַ סך הונדערטער ייִדן פאַרגאָסן זייער בלוט אין קאַמף קעגן די צאַרישע אַרמייען.

דער אויסגאַנג פונעם אויפשטאַנד איז געווען אַ טראַגישער. די אויפשטענדלער האָבן געליטן מיליטערישע מפּלות און סוף כל סוף האָבן פּאַשקעוויטשעס חיילות אַרײַנגעמאַרשירט קיין וואַרשע. פּאַשקעוויטש האָט מיט טריומף געקענט מעלדן דעם צאַר אַז „וואַרשע ליגט בײַ די פיס פון אײַער קייסערלעכער מאַיעסטעט".

דער דעראָבערער פון וואַרשע האָט אויסגערעכנט בלוטיק זיך נוקם צו זיין אין פּוילן. דעם פרינציפּ פון טייל און הערש האָט ער דורכגעפירט מייסטערהאַפט. ער האָט מיט פאָטערלעכער זאָרג באַשיצט און געהאָלפן די העכערע שפּיצן פון די פּוילישע מיליטער-לײַט און אייבערשטע מלוכה-אָנגעשטעלטע און די עליטע פון דער פּוילישער און ייִדישער בורזשואַזיע, וועלכע האָבן צוזאַמען באַקעמפט דעם אויפשטאַנד. אָט די דאָזיקע פּראָטעזשירטע פונעם אָקופּאַנט זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָנשפּאַרפּונקט כדי אונטערצודריקן און אויסצוהונגערן די ברייטע פאָלקסמאַסן, די פּוילישע ווי די ייִדישע, אויף וועלכע ס'האָט געהאָגלט איין גזירה נאָך דער אַנדערער. ס'ווערט איינגעפירט אַ צאָלגרענעץ פון פּוילן קיין רוסלאַנד אָבער עס בלייבט אָפן די גרענעץ פאַרן אימפּאָרט פון רוסלאַנד קיין פּוילן. די רעזולטאַטן דערפון זענען געווען אַ טיפער עקאָנאָמישער קריזיס אין פּוילנס אינדוסטריע; גאַנצע טעקסטיל-צענטערס זענען אָפּגעווישט געוואָרן, אַרבעטלאָזיקייט און נויט האָט געזאָלט ווערן די שטראָפבײַטש פאַרן בונטאַרישן פאָלק. אַ ספּעציעלע „אויפמערקזאַמקייט" האָט פירשט פּאַשקעוויטש געשאָנקען דער ייִדישער אָרעמקייט, אײַנפירנדיק לגבי איר אַ זייער שטרענגן רעזשים, שווערע שטײַערן, טאָגצעטלען און אַ תקנה וואָס האָט נאָך מער באַגרענעצט די צאָל גאַסן אויף וועלכע ייִדן האָבן געמעגט וווינען אין וואַרשע. אין 1842 האָט דער בלוטיקער צאַר ניקאָליי דער ערשטער אָפּגעשאַפט דעם רעקרוטן-שטײַער פאַר די פּוילישע ייִדן און אײַנגעפירט אָבליגאַטאָרישע מיליטער-דינסט פון 25 יאָר.

רוסלאַנד שטעלט זיך אַלץ מער אַרויס ווי אַ שוואַרצער זשאַנדאַר אין דער צעשטורעמטער אייראָפּע. ווען די בורזשואַזיע גרייט זיך צו דערלאַנגען אַ דעצידירנדיקן קלאַפּ די נאָך עקסיסטירנדיקע רעשטלעך פון פעאָדאַלן רעזשים, ווען די מערב-אייראָפּעיִשע פעלקער — פראַנקרייך, עסטרייך, דײַטשלאַנד און איטאַליע — גייען אַרויס אויף די גאַסן צו באַשיצן די געוווּנענע בירגעררעכט, ווען צווישן די פעלקערמאַסן האַלטן זיך אין אויספורעמען די קאָנסעקווענטע פאָרגייער און קעמפער פאַר דער באַפרײַונג פון אַרבעטער-קלאַס, — דעמאָלט פאַרמעסט זיך דער בלוטיקער תּלין, דער צאַר ניקאָליי, אונטערצודריקן דעם פעלקער-פרילינג, און די רעוואָלוציע אין אונגאַרן ווערט אכזריותדיק צעטראָטן פון די צאַרישע שטיוול.

דאָס יאָר 1848 האָט אויך אויפגעטרייסלט די פּוילישע געזעלשאַפט; אין וואַרשע זענען פאָרגעקומען אומרוען. הגם צו גאָר גרויסע אַרויסטריטן איז עס נישט דערגאַנגען, האָט פון דעסט וועגן דער צאַר געפילט די וואַקסנדיקע אומרויִקייט צווישן פּוילישן פאָלק. בלוטיקע שטראָף-עקספּעדיציעס קעגן דעם פאַרשקלאַפטן פּויערטום און גרעסערע פּריווילעגעס פאַר דעם פּוילישן אַדל, אַ דרוק אויף דעם מיטלשטאַנד און דאָס שאַפן אַ קנעכטישן „טשינאָווניקטום" פון פּאָליאַקן, דאָס אָפּשאַפן יעדן סימן פון דער פּוילישער קולטור-אויטאָנאָמיע און דאָס פאַרזייען אַ פּאָגראָם-אַנטיסעמיטיזם, — דאָס אַלץ איז געוואָרן דער רעגירונגס-פּלאַן פאַרן אונטערגעיאָכטן לאַנד. אָבער טראָץ אַלע נגישות האָט די מרידה געוווירט אין די טיפענישן פונעם פאָלק. פּוילישע בעלי-מלאכות, צוריקגעקומענע פון דער עמיגראַציע, האָבן געגרינדעט די ערשטע קאָנספּיראַטיווע קרײַזלעך וואָס האָבן אָנגעהויבן גרייטן אַ נײַעם אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד. פיל פון דער ייִדישער שטודירנדיקער יוגנט, אַסימילירטע אין זייער פּאַטריאָטישן אייפער, ווערן פאַרכאַפּט פון דער נייער באַוועגונג, וואָס איר סאָציאַלער פּראָגראַם איז אַ סך בולטער ווי די רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע פון 1831, כאָטש ער איז נישט גענוג קלאַסן-קלאָר.

דאָס דעמאָלטיקע רוסלאַנד איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין אַ מלחמה קעגן ענגלאַנד און פראַנקרייך (1853—1855) — אין דעם

אזוי גערופענעם קרימער קריג — און האט געליטן א שטארקע מיליטערישע מפלה וואס האט גורם געווען א טיפע צעטרייסלונג אין דער סטרוקטור פון דער צארישער אימפעריע, און דער טויט פון ניקאליי דעם ערשטן און פונעם נאמיעסטניק פון פוילן פירשט פאשקעוויטש האט אריינגעבראכט א געוויסע פארלייכטערונג אין די שטימונגען פון לאנד, וואס זענען געווארן נאך האפערדיקער א דאנק די ליבעראלע רעפארמען וואס דער נייער צאר אלעקסאנדער דער צווייטער האט איינגעפירט. עס איז אפגעשאפט געווארן ניקאלייס רעקרוטן־געזעץ בנוגע יידן, עס זענען באפרייט געווארן די קאנטאניסטן, עס איז אויפגעקומען דער מאדערנער בילדונגס־סיסטעם, עס האבן זיך געעפנט פאלקסשולן, גימנאזיעס און אוניווערסיטעטן, אין וועלכע יידן ווערן צוגעלאזן. אין רעזולטאט פון מער פרייהייטן איז אויפגעקומען א מאדערנע יידישע אינטעליגענץ.

ווי א פועל־יוצא פון דער פארשפילטער מלחמה איז רוסלאנד געבליבן אפגעשניטן פון דיאייראפעישע מערק. דער דוחק אין פראוויאנטירונג האט אנגענומען א קאטאסטראפאלן כאראקטער. די רעגירונג האט געמוזט אנקומען צום אונטערגעיאכטן פוילן ווי צו א באשפייזונגס־באזע. פוילן האט ראשיק אויפגעלעבט, דער האנדל און אינדוסטריע האבן געהאלטן אין איין שטייגן. יידן האבן אנגעהויבן וואס א מאל מער צו פארנעמען פעסטערע פאזיציעס, און אין א סך פאלן איבערגעשטיגן די פוילישע מאגנאטן וועלכע האבן



ווארשעווער גאלדהענדלער אין 19טן י״ה

(בילד פון א. פיווארסקי)

געוואלט די שטעט פארוואנדלען אין זייערע אינדוסטריעלע פאלווארקן. דער קאפיטאליסטישער אריינוואוקס אין די פוילישע שטעט, בפרט אין ווארשע, האט אומגעווארפן די געטא־מויערן. יידן האבן באקומען מער בירגערעכט און עס איז געשאפן געווארן א יידישע פרעסע: „יוטזשענקא" (אין פויליש), „הצפירה" (אין העברעיש), ס'באווייזט זיך א יידישע געזעלשאפטלעכקייט.

אין די ליבעראלערע באדינגונגען האט דער רעוואלוציאנערער פאטריאטיזם פון דער פוילישער באפעלקערונג צעשפארט די צוימען פון קאנספיראטיווע קרייזלעך און איז געווארן א מאסן־באוועגונג. עס אנטשטייען צוויי פארטייען, וואס דריקן אויס די כוחות־פארהעלטעניש אין דעמאלטיקן פוילן: די ווייסע, די פארטיי פון די אגראר־ און פינאנץ־מאגנאטן, און די רויטע, — די פארטיי פונעם שטאטבירגערטום און פון דער אינטעליגענץ.

די העכערע שיכטן פון דער שליאכטע און די אייבערשטע שפיצן פון דער בורזשואזיע זענען געווען קעגן דער פאטריאטישער באוועגונג. זייערער א מענטש, דער מארקגראף ווייעלאפאלסקי איז דורכן צאר נאמינירט געווארן ווי דירעקטאר פון דער „קאמיסיע פאר רעליגיע און בילדונג". דאס האט באדייט אז ער איז דער פאליטישער מושל איבערן לאנד. ער צוזאמען מיט זיין קלאס האט געדארפט איינשטילן דאס אנקומענדיקע געוויטער. דער צאר האט נישט געקארגט קיין הנחות פאר זיינע טרייע דינער אין פוילן. אזוי האט ער די פריצים באלוינט מיטן איבערלאזן די פאנטשיזנע, און ער האט געגעבן גרויסע פינאנציעלע קאנצעסיעס פאר די יידישע און פוילישע מאגנאטן. פון די א לע רעפארמען, וואס זייער ציל איז אויסן געשע מאגנאטן. פון די אלע רעפארמען, וואס זער ציל איז אויסן געווען ענגער צוצובינדן פוילן צו דער צארישער אימפעריע און צו באפעסטיקן דעם קאפיטאליזם אין לאנד, האבן די אינטעליגענץ, די ארבעטער און די בעלי־מלאכות נישט גענאסן: זיי האבן פארנומען זייערע פאזיציעס אינעם צוגרייטן דעם אויפשטאנד פאר פוילנס פרייהייט. די דאזיקע צייט האט זיך אויסגעצייכנט מיט דער פויליש־יידישער פארברידערונג. די צעכן און די אנדערע עקאנאמישע און פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס האבן דעמאנסטראטיוו אויפגעמאכט זייערע טירן פארן יידישן מיטבירגער. א פירנדיקע ראלע אין דער פויליש־יידישער פארברידערונג האט געשפילט דער ווארשעווער רב הכולל דוב בער מייזעלס, וועלכער האט מיט פאטריאטישן פאטאס גערופן די יידישע באפעלקערונג צום קאמף פאר דער זעלבשטענדיקייט פון פוילן.

די צוויי יאר (1861—1862) ווען די ווארשעווער באפעלקערונג האט כמעט באהערשט די גאסן פון דער שטאט, טראץ די הריגות פון די קאזאקן, די טאג־טעגלעכע דעמאנסטראציעס, „פאר אונדזער און אייער פרייהייט" אנגעפירטע דורכן רב מייזעלס און ביסקופ פיאלקאווסקי און געשטיצטע דורך די „רויטע", דארפן באצייכנט ווערן ווי דער באגינען פון דער פוילישער ארבעטער־באוועגונג.

די פוילישע העכערע שליאכטע, וועלכע איז ווי אלע מאל געשטאנען צו דינסט פונעם אקופאנט און האט איצטער נישט געהאט דעם מוט עפנטלעך זיך קעגנצושטעלן דעם רעוואלוציאנערן מאסן־אויפברויז, האט אנגעהויבן א ווילדע אנטיסעמיטישע פאגראם־קאמפאניע ווי א מיטל צו צעברעכן די נאציאנאלע איינקייט. אבער די פירנדיקע גייסטער פון פוילן, האבן שארף אטאקירט די פאררעטערישע גענג פון דער מאגנאטעריע און זיי האבן מוטיק געשטיצט די נאציאנאלע פאראייניקונג פון יידן און פאליאקן.

די פראוואקאציעס פון צאריזם און פון זיינע פוילישע אגענטן וואס האבן זיך גרופירט ארום ווייעלאפאלסקין, האבן בלויז צוגעאיילט דעם מאמענט פון באוואפנטן קאמף אין פוילן. עס איז זיי געלונגען צו שאפן א לאגע פון פארצווייפלטער אומגעדולדיקייט, וואס דאס האט גורם געווען דעם פריצייטיקן געבורט פון יאנואר־אויפשטאנד (1863) וועלכער האט געהאט א טראגישן אויסלאז נאך א סך חדשים העראישע און בלוטיקע שלאכטן.

נאכן יאנואר־אויפשטאנד זענען די פוילישע העכערע קלאסן אריבער צו אפענער מיטארבעט מיטן צאריזם. די דאזיקע טענדענץ

האָט געפונען איר אידעאָלאָגישע באַרעכטיקונג אין דער פילאָסאָפיע פון פוילישן פּאָזיטיוויזם, וואָס האָט פּראָקלאַמירט די טעזע פון „אָרגאַנישער אַרבעט" — ד"ה פון אָפּגעבן זיך מיט אַנטוויקלען דאָס לאַנד עקאָנאָמיש און אינדוסטריעל און אָפּזאָגן זיך פון די „רעוואָלוציאָנערע פאַנטאַזיעס". אַז אַזאַ טעזע איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר דער פוילישער בורזשואַזיע וואָס האָט געשטרעבט צו זאַמלען ריזיקע פּראָפיטן אַ דאַנק איר פּאָזיציע פון אַ צושטעלערין פון אינדוסטריעלע אויסאַרבעטונגען פאַרן וואַקסנדיקן רוסישן אָפּזאַצמאַרק — איז דאָך נישטאָ קיין ספק. די אידעע אָבער וועגן פוילנס באַפרייַונג איז דאָך נישט געשטאָרבן. זי איז געבליבן לעבן אין די הערצער פון די פוילישע פאָלקסמאַסן, פון די פוילישע פויערים און דער עיקר פון די פוילישע פּראָלעטאַריער, וועלכע האָבן איבערגענומען די רעוואָלוציאָנערע ירושה פון די פריִערדיקע דורות און האָבן געפירט אַ קרבנותפולן און בלוטיקן קאַמף קעגן צאַריזם און קאַפּיטאַליזם און פאַר אַ סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד. אויף זייערע פענער איז געווען אָנגעשריבן דער אייביקער לאָזונג פון די פוילישע רעוואָלוציאָנערע פּאַטריאָטן „פאַר אונדזער און אייַער פרייַהייט", אַ לאָזונג וואָס האָט כולל געווען אַלע זין פון דער פוילישער ערד.

דער פאַרראַט מצד דער פוילישער בורזשואַזיע לגבי דעם קאַמף פאַר דער זעלבשטענדיקייט פון אייגענעם לאַנד איז אגב נישט געווען קיין פאַראייַנצלטע דערשייַנונג. עס איז געווען אין גאַנצן אויף דער רעאַקציאָנערער ליניע פון דער אייראָפּעישער בורזשואַזיע, וואָס האָט געשלאָסן יד־אחת מיטן איבערבקייַב פון פעאָדאַליזם קעגן וואַקסנדיקן כוח פון אַרבעטער־קלאַס. עס האָט פולשטענדיק געשטימט מיט דער פּאָליטיק פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע, וועלכע האָט דערשטיקט מיט דער הילף פון איר „שונא" ביסמאַרק די קאָמונע פון פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט. עס איז דאַן געווען די געבורטצייַט פון קאַפּיטאַליסטישן אימפּעריאַליזם.

**בינו לבינו האָט דער צאַריזם באַמיט זיך צו פאַרניכטן יעדן** שפּור פון פוילישער נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט. פוילן איז באַזייַטיקט געוואָרן ווי אַן אונטעררירכט־שפּראַך אין די פוילישע שולן. עס איז אייַנגעפירט געוואָרן אַ סיסטעם פון פולער רוסיפיקאַציע, וואָס דער ווייַטער ציל דערפון האָט געזאָלט זייַן דאָס פולשטענדיקע אָנטפוילישן דאָס דעראָבערטע לאַנד.

אָבער די פוילישע פאָלקסמאַסן האָבן, ווי געזאָגט, זיך נישט מיאש געווען פון דער שטרעבונג צו דערגרייכן די באַפרייַונג פון פאָטערלאַנד. אין געהיימע קרייַזלעך און אונטערערדישע פאַרבאַנדן אָרגאַניזאַציעס האָט זיך די פוילישע רעוואָלוציאָנערע יוגנט געגרייט צום טאָג ווען עס וועט ווידער אויפגעהויבן ווערן די פאָן פון קאַמף. עס איז די צייַט ווען אין פוילן איז שוין פאַראַן אַ צאָלרייַכער פּראָלעטאַריאַט. עס קומען אויף די ערשטע אַרבעטער־גרופּעס און אין יאָר 1882 ווערט געבוירן די ערשטע קלאַסן־פּאַרטיי פון פוילישן אַרבעטער־קלאַס, דער „ערשטער פּראָלעטאַריאַט", וואָס צווישן זייַנע גרינדער געפינט זיך דער ייִד פעליקס קאָן. עס איז אַ היסטאָריש געשעעניש אין לעבן פון פוילן. צום ערשטן מאָל אַנטשטייט אַ פּאַרטיי וואָס רופט צו רעוואָלוציאָנערער סאָלידאַריטעט צווישן אַלע אַרבעטער פון לאַנד, אָן אונטערשיד פון נאַציאָנאַליטעט און גלויבן. צום ערשטן מאָל באַקעמפט אָפן דעם אַנטיסעמיטיזם אַ פוילישע פּאַרטיי. דער „ערשטער פּראָלעטאַריאַט" פירט פּראָפּאַגאַנדע צווישן די ייִדישע אַרבעטער און באַמיט זיך זיי צו געווינען פאַרן פּראָלעטאַרישן קאַמף. ער גיט אַרויס אויפרופן אויך אין ייִדיש, ער באַשיצט דעם ייִדישן אייגנאַרט, אפילו ווען דער דאָזיקער „אייגנאַרט" איז פאַרבונדן מיט מיטל־עלטערישע געוווינהייטן. דאָס געשעט בעת דעם צאַרישן פאַרבאָט אויף ייִדישער הלבשה. „פּשעםוויט", דער אָרגאַן פון „ערשטן פּראָלעטאַריאַט", שרייַבט דאַן: „הגם די פּיאות אָדער כאַלאַטן זענען אַ פאַנאַטיזם מוז מען אָבער געדענקען אַז די שטראָף פאַר טראָגן די הלבשה טרעפט נישט די קראָנענבערגס, בערסאָנס אָדער אַנדערע ייִדישע מאַגנאַטן, נאָר די אָרעמע ייִדישע מאַסן".

כאָטש דער „ערשטער פּראָלעטאַריאַט" האָט לאַנג נישט געלעבט ווייַל דער צאַרישער פּאָליציי האָט זיך אייַנגעגעבן צו פאַרניכטן מיט דער הילף פון מסירות און פּראָוואָקאַציעס די ערשטע געמיינזאַמע אָרגאַניזאַציע פון די פוילישע און ייִדישע אַרבעטער, **איז דאָך זייַן אייַנפלוס געבליבן אַ דויערנדיקער.**

דעם דאָזיקן אייַנפלוס האָט אפילו נישט געקענט פאַרניכטן די פּאַרטיי פּעפּעעס (פּפּ"ס), געגרינדעט אין נאָוועמבער 1892, וואָס איר גאַנצע טעטיקייט און איר גאַנצער פּראָגראַם זענען געווען אָנגעזאָפּט — טראָץ איר סאָציאַליסטישן נאָמען — מיט פוילישן נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, און זי איז במילא נישט געווען פרייַ פון אַנטיסעמיטיזם. אַ סך פון די שפּעטערדיקע רעגירער פון פוילן, אין דער עפּאָכע פון דער פריצישער זעלבשטענדיקייט, האָבן געשטאַמט פון דער פּעפּעעס.

די ירושה פון „פּראָלעטאַריאַט" האָט איבערגענומען אַן אַנדער פּאַרטיי, די פּאַרטיי סדק"פּ (דערנאָך סדקפּ"ל) — סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פוילן (און ליטע) — **וואָס איז געשאַפן געוואָרן** דורך דעם צוזאַמענגוס פון דעם „פאַרבאַנד פון די פוילישע אַרבעטער" (געגרינדעט אין 1889 דורך יוליאַן מאַרכלעווסקי און יאַן לעדער) מיט די אויף דער פרייַ געבליבענע רעשטן פון „צווייטן פּראָלעטאַריאַט". די דאָזיקע פּאַרטיי, באַזירט אויף דער לערע פון קאָנסעקווענטן מאַרקסיזם, האָט געזען אין דעם בשותפותדיקן קאַמף פון אַלע אַרבעטער פון פילפעלקערדיקן רוסלאַנד דעם וועג צו דער באַפרייַונג פון פוילישן אַרבעטער־קלאַס. הגם זי איז באַגאַנגען געוויסע פעלערן, דער עיקר בשייכות מיט דער פראַגע פון דער זעלבשטענדיקייט פון פוילן, ווו זי האָט פאַרנומען אַ פּאָזיציע וואָס האָט דווקא געשטאַרקט דעם נאַציאָנאַליזם פון דער פּפּ"ס, האָט די סדקפּ"ל דעם היסטאָרישן פאַרדינסט וואָס זי האָט ווי אַ מאַסן פּאַרטיי געלערנט דעם אַרבעטער־קלאַס פון פוילן צו קעמפן פאַר זייַן קלאַסנציל — דעם סאָציאַליזם. אין אירע רייען האָבן זיך געפונען אַ סך ייִדישע אַרבעטער און אינטעליגענטן. פיל פון זיי האָבן באַצאָלט מיט תפיסה אָדער מיט זייערע לעבנס פאַר זייער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט.

אין דעם לעצטן יאָרצענדליק פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווען עס הייבט אָן צו ווירקן די סדקפּ"ל און ווען עס אַנטשטייען די ערשטע ייִדישע פּאָליטישע פּאַרטייען — דער בונד און די ציוניסטן — האָבן שוין די ייִדישע מאַסן פון פוילן הינטער זיך אַ רייַכע דערפאַרונג פון כמעט גאַנצע הונדערט יאָר געזעלשאַפטלעכע קאַמפן. זייער גייַסטיקער און קולטורעלער ניוואָ איז שוין אַ גאַנץ אַנדערער ווי בייַם אָנהייב פון יאָרהונדערט. עס איז שוין דאָ אַ ייִדישע ליטעראַטור, מיט די קלאַסיקער מענדעלע און שלום עליכם בראָש. פּרץ הייבט אָן צו ווירקן אין וואַרשע. ער גיט אַרויס זייַנע „יום־טוב־בלעטלעך" און די ערשטע גרעסערע ווערק. די סאָציאַליסטיש און רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור אין ייִדיש מערט זיך כסדר. אַזעלכע שריפטן ווי דיקשטיינס „פון וואָס איינער לעבט" איבערגעזעצט אויף ייִדיש, האָבן אַ גרויסן אָפּקלאַנג און אַ טיפן אייַנפלוס בייַם אַרייַנברענגען אויפקלערונג אין די מוחות פון די ייִדישע אַרבעטער און האַנטווערקער.

דער אָנהייב פון הייַנטיקן יאָרהונדערט צייכנט זיך אויס מיט דער גוואַלדיקער אַקטיוויזירונג פון די ייִדישע מאַסן. דער פאַרשאַרפטער קלאַסנקאַמף ווי אַ פועל־יוצא פון דעם גרויסן פּראָצעס פון אינדוסטריאַליזאַציע, דער כסדרדיקער אומאויפהערלעכער צוּפלוס פון ביליקע נישט־קוואַליפיצירטע אַרבעטסהענט פון דאָרף האָט אומגעהייַער פאַרגרעסערט דעם אַרבעטער־קלאַס און דער קאַמף פאַר פוילנס באַפרייַונג און קעגן דער צאַרישער רוסיפיקאַציע־פּאָליטיק האָט פאַרשפּיצט ביז עקסטרעם די געזעלשאַפטלעכע אַנטאַגאָניזמען.

די ייִדישע מאַסן זענען אויפגערודערט געוואָרן ביז די טיפסטע טיפענישן.

עס זענען געווען די קינדעריאָרן פון די ייִדישע פּאָליטישע פּאַרטייען און דער ערב־פּעריאָד פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע.

וואַרשע ווי דער גרעסטער און צאָל ייִדישער צענטער אין מזרח־אייראָפּע — און אין גאַנץ אייראָפּע — האָט מער ווי וועלכע עס איז אַנדער שטאָט אָפּגעשפּיגלט דעם געזעלשאַפטלעכן אויפרודער צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג.

גרויסע טיילן פון דער ייִדישער קלייַנבירגערלעכער מאַסע, פון דער דאָזיקער מאַסע וואָס האָט דורך איר אָרעמקייט, פּרנסהלאָזיקייט און רירעוודיקייט געגעבן דעם טיפּישן אַספּעקט דער ייִדישער וואַרשע, און וועלכע האָבן געליטן אַלץ מער און מער פון דעם

וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם בײַם פּוילישן קלײנבירגערטום, האָבן אָנגעהויבן איבערצונעמען די לאָזונגען פון פּאָליטישן ציוניזם, אַנטלויפן פון גלות און פּטור ווערן אויף אַזאַ אופן פון דער ייִדן־שנאה און פון די רדיפות איז געוואָרן פאַר זיי אַ קאָנקרעטער פּראָגראַם פון דירעקטער לייזונג פון זייערע פּראָבלעמען. זענען זיי אַוועק צו די פאַרשידענע ציוניסטישע פּאַרטייען וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין פאָרמירן. אַנדערע טײלן פון קלײנבירגערטום און גרויסע טײלן פון די ייִדישע אַרבעטער האָט געווּוּנען דער „בונד". דער פּראָגראַם פון „בונד" פון ייִדישער איזאָלאַציע האָט אין גרונט אויסגעדריקט די פּאַקטישע געטאָ־פאַרהעלטענישן אין דער ריזיקער „טשערטאַ אָסעדלאָסטי" און איז געווען אַ מוראדיקע שטערונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַן אײנהײַטלעכער קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פון די ייִדישע און נישט־ייִדישע פּראָלעטאַריער. דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט פון „בונד" איז שטאַרק סטימולירט געוואָרן דורך דער שאָוויניסטישער פּאָליטיק פון פּפּ"ס וואָס האָט פאַר די ייִדישע מאַסן געהאַט צוויי אַלטערנאַטיוון — אַסימילאַציע אָדער איזאָלאַציע.

אָפּגעזונדערט אין דער ייִדישער איזאָלירטקייט האָבן געלעבט די אָרטאָדאָקסישע ייִדן אין ווארשע. אָרעמע ייִדישע קרעמערס, לופטמענטשן, בעל־מלאכות און אפילו אַרבעטער האָבן זיך „גײַסטיק" אויסגעלעבט אין בית־מדרש און אין קלויז. די נײַע צײַט האָט געבוירן אויך רעליגיעזע ייִדישע פּאַרטייען — רעאַקציאָנערע און קלעריקאַלע, וואָס האָבן נישט איין מאָל געדינט דירעקט און אָפן דער פּוילישער און צאַרישער רעאַקציע. זייער מאַסנדיקייט האָט זיי נישט איין מאָל דערפירט צו זײַן אַ וויכטיקער — כאָטש מאָמענטאַלער — פּאָליטישער פאַקטאָר בײַ די ייִדן אין פּוילן און בפרט אין ווארשע. נאָכגיביקע און הכנעהדיקע ביז שפלות לגבי דער מאַכט, זענען זיי געווען ווילד און אומברחמנותדיק לגבי דעם וועלטלעכן קולטור־לעבן און לגבי דער אַרבעטערשאַפט.

אַ פירנדיקע ראָלע אין דער ייִדישער ווארשע האָבן, ביז 1917, געשפּילט די אַסימילאַטאָרן. אַ קליין הייפעלע אין צאָל האָבן זיי מיט זיך פאָרגעשטעלט די עליטע פון די ייִדישע באַנקירן, גרויסע פאַבריקאַנטן און גרויסע סוחרים. נאָך אין פאָריקן יאָרהונדערט האָט זיך זיי אײַנגעגעבן, אַ דאַנק זייער לײַכטער פאַרבינדונג מיט מלכות, צו פאַרכאַפּן די אָנפיר־פּאָזיציעס אין עטלעכע גרויסע פילאַנטראָפּישע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס און זינט דעמאָלט האָבן זיי באַלעבאַטעוועט אין דער ווארשעווער קהילה. כאָטש זיי גופא זענען געווען ווײַט פון רעליגיע, און האָבן געפירט זייערע אייגענע קינדער צו שמד, זענען זיי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן געווען די טרײַסטע פאַרבינדעטע און אַרויסהעלפער פון דער ייִדישער אָרטאָדאָקסיע. ערשט דער שטורעם פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין 1917 האָט זיי אַראָפּגעשווענקט פון דער געזעלשאַפטלעכער אייבערפלאַך.

די רעוואָלוציע פון 1905 האָט געטראָפן די ייִדישע באַפעלקערונג אין פולער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. דער צאַר, פילנדיק דעם אָנקום פון דער זאַווערוכע, האָט געוואָלט דערשטיקן די רוסישע רעוואָלוציע אין ייִדיש בלוט. אַ פּאָגראָם־כוואַליע האָט זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן לאַנד, קעשענעוו איז געוואָרן אַ שם־דבר. אָבער אָנשטאָט איבערצושרעקן די ייִדישע יוגנט, האָבן די פּאָגראָמען דערפירט צו פונקט דאָס פאַרקערטע. די ייִדישע יוגנט, — אַרבעטער און סטודענטן, — שליסט זיך אָן מאַסנווײַז אין די רייען פון דער רעוואָלוציע. פון דער טיפעניש פון דער ייִדישער מאַסע קומען אויף די הערלעכע געשטאַלטן פון הירש לעקערט און ברוך שולמאַן, וועלכע האָבן באַוויזן אַן אומשטערבלעכן מוסטער פון נײַעם ייִדישן העראָיִזם.

ווארשע, ווי די הויפּטשטאָט פונעם אונטערגעדריקטן לאַנד, האָט געגעבן איר חלק פאַר דער רעוואָלוציע. עס זענען פאָרגעקומען בלוטיקע קאַמפן, גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, שטרײַקן און אינדיווידועלע טעראָראַקטן קעגן די פאַרהאַסטע פאָרשטייערס פונעם צאַריזם. אינדיווידועלן טעראָר אויפן ברייטן מאָסשטאַב האָט אָנגעווענדט די פּפּ"ס, בעת די סדקפּ"ל האָט אָרגאַניזירט מאַסן־אַקציעס. און ווי אומעטום האָבן די ייִדישע מאַסן זיך אַקטיוו באַטייליקט און געגעבן זייער בלוטשטײַער. דער ייִדישער בלוט־חלק איז געווען נאָך אַ גרעסערער, ווײַל די רעפּרעסיעס קעגן ייִדן זענען געווען שאַרפערע. די צאַרישע פּאָליציי האָט זיך באַצויגן צו די ייִדישע קוואַרטאַלן מיט אַ באַזונדערער אכזריות. די בלעטער פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער ווארשע האָבן צו פאַרצייכענען אַזעלכע טעג ווי דער „בלוטיקער מיטוואָך" פון 1906, ווען עס זענען אומגעקומען צענדליקער ייִדן.

דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905 האָט געבראַכט מיט זיך אַ פּעריאָד פון די ווילדסטע רדיפות. נישט בלויז דער צאַר און זײַנע משרתים האָבן זיך אָפּגערעכנט מיט די באַזיגטע מאַסן, נאָר אויך די בורזשואַזיע און אירע אינטעלעקטועלע און פּאָליטישע פאָרשטייערס זענען אַריבער צו דער אָפענער רעאַקציע. די פּוילישע בורזשואַזיע איז געווען נאָך רעאַקציאָנערער ווי די רוסישע און איר געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגיע איז געוואָרן דער כוליגאַנישער אַנטיסעמיטיזם. עס שטאַרקט זיך די אָפענע אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי די „נאַראָדאָווע (נאַציאָנאַלע) דעמאָקראַטיע" אָדער ענדעציע (ווי מען האָט זי גערופן לויט די ראשי־תיבות נ"ד). עס קומט אויף די פּאָגראָם־אָרגאַניזאַציע „ראָזוואָי" מיט איר לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ" („אַן אייגענער צו אַן אייגענעם"), וואָס האָט געצילט צו דערשטיקן עקאָנאָמיש דאָס ייִדישע קלײנבירגערטום. דעם ייִדישן אַרבעטער וואַרפט מען אַרויס פון די גרעסערע אונטערנעמונגען; דער דלות באַזעצט זיך אין די ייִדישע היימען. אין אַזאַ צושטאַנד פון דלות און רדיפות ווערט געבוירן דער עמיגראַציע־פּסיכאָז. ייִדן ווילן אַנטלויפן פון די עקאָנאָמישע צרות און פון פּאָליטישן אַנטיסעמיטישן טעראָר אין אַנדערע פרײַערע לענדער. מאַסן יונגע ייִדישע מענטשן לאָזן זיך איבערן ים צו די ווײַטע מעבר־לימיקע ברעגן און באַזעצן זיך אין די דעמאָלט אָפענע פאַראייניקטע שטאַטן, אַרגענטינע, ענגלאַנד, אויסטראַליע און דרום־אַפריקע.

אָבער טראָץ דעם אַנטיסעמיטיזם און טראָץ די פּאָליציייִשע רדיפות וואַקסט די ייִדישע ווארשע. עס איז דאָ אַ ייִדישע פּרעסע און ייִדישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, אַ סך מײַסטערס פון דער ייִדישער ליטעראַטור שאַפן אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט און די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג הייבט אָן צו קומען צו זיך נאָכן קלאַפּ פון דעם דורכפאַל פון 1905.

דער דאָזיקער וווּקס ווערט פּלוצלינג איבערגעריסן. דער אימפּעריאַליסטישער וועלטקריג פון 1914—1918 שטעלט אָפּ דאָס שעפערישע און פרידלעכע לעבן פון דעם גרעסטן ייִדישן ייִשוב אין אייראָפּע.

פון דעם בלוטיקן מבול האָבן אַלע פעלקער געליטן, אָבער באַזונדערס בלוטיק איז ער געווען פאַר די ייִדן פון פּוילן און רוסלאַנד. פּאָגראָמען, ראַבונקעס, צעשיסונגען, באַשולדיקונגען אין שפּיאָנאַזש, אַרויסשיקונגען פון גאַנצע ייִשובים — דאָס איז געווען דער גורל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין די מלחמה־געביטן.

ווארשע איז געוואָרן אַן עיר־מקלט פאַר טויזנטער און טויזנטער ייִדישע משפחות — פּליטים פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, פון וואַנען מען האָט זיי פאַרטריבן אָדער זיי זענען אַליין אַנטלאָפן. אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן אַן אויסקוק צו פאַרדינען אויף חיונה, זענען זיי אָנגעקומען צו קיצבה, צו בעטלברויט, צו פילאַנטראָפּישער הילף. אין די ייִדישע קעלערס און בוידעמשטיבער איז ענגער געוואָרן. דלות איז געכפּלט געוואָרן אויף הונגער. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אַלגעמיין האָט זיך אָפּגעשטעלט, די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין די ערשטע מלחמה־חדשים האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער הילף פאַר די היימלאָזע.

אָבער נישט לאַנג איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן געווען אָפּגעשטעלט. דער מלחמה־גרויל האָט נישט פּאַראַליזירט די ייִדישע קולטור־טעטיקייט. אין סאַמע מיטן פון קאָשמאַר האָט געשאַפן דער אומשטערבלעכער קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור יצחק לייבוש פּרץ. ער האָט נישט בלויז געשריבן. צוזאַמען מיט זײַן פרײַנד דינעזאָן האָט זיך פּרץ אָפּגעגעבן מיט שאַפן היימען פאַרן ייִדישן פאַרוואָרלאָזטן קינד, פאַרן מלחמה־יתום. די ערשטע וועלטלעכע שולן אין ווארשע זענען טאַקע אַנטשטאַנען בײַ דער אַקטיווער מיטהילף פון גרויסן שרײַבער.

באַזונדער טרויעריק פאַר די ווארשעווער ייִדן זענען געווען די טעג ווען די צאַרישע אַרמיי האָט געהאַלטן בײַם פאַרלאָזן די שטאָט. דער צאַרישער הויפּט־קאָמאַנדיר, דער כוליגאַנישער אַנטיסעמיט און רעאַקציאָנער ניקאָלײַ ניקאָלאַיעוויטש האָט פאַראָרדנט ראַבירונגען און צעשיסונגען וואָס האָבן געקאָסט הונדערטער קרבנות.

אומברחמנותדיק האָט זיך באַצויגן די דײַטשע אָקופּאַציע־

מאַכט צו דער ציווילער באַפעלקערונג אין פּוילן. דער שטרענגער מיליטערישער רעזשים און דאָס כאַפּן און אַרויסשיקן אויף צוואַנגאַרבעט די אַרבעטס־פעיקע מענער און פרויען האָבן פאַרביטערט דאָס לעבן פון די מענטשן. די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז נישט גערן געדולדעט געוואָרן, כאָטש די דײַטשן האָבן זיך באַמיט דווקא צו געווינען די סימפּאַטיע פון די פּאָליאַקן און פון די ייִדן. אַזוי צב"ש האָט לודענדאָרף אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלן אויפרוף צו „זײַנע ליבע פּוילישע ייִדן", אין וועלכן ער האָט צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן. פאַרשטייט זיך אַז אַ טייל ייִדן האָט זיך געלאָזט פאַנגען פון די אילוזיעס מכוח דער „העכערקייט" פון דער דײַטשער קולטור. דײַטשלאַנד האָט דאָך פאָרט געשמט מיט אירע טעכנישע און ציוויליזאַטאָרישע אויפטוען און די דײַטשע ייִדן זענען דאָך געווען גלייך־באַרעכטיקט. געוויסע ייִדן האָבן, דער עיקר געהאָפט אַז דאָס קעניג־קייזערליכע דײַטשלאַנד וועט אָפּשאַפן די שענדלעכע אַנטי־ייִדישע באַגרענעצונגען און די ייִדישע רעכטלאָזיקייט און וועט אַ סוף מאַכן צו די פּאָגראָמען פון דעם פאַרהאַסטן צאַריזם. אַגב זענען נישט בלויז ייִדן אַרײַנגעפאַלן אין דער נעץ פון דײַטשע צוזאָגן. אויך טיילן פון פּוילישן פאָלק, געוויסע פּוילישע פּאַרטייען, ווי פּפּ"ס מיט פּילסודסקין בראָש, האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָריענטירן אויף אַ דײַטשן מיליטערישן זיג. פּילסודסקי און זײַנע לעגיאָנערן האָבן אַ קורצע צײַט מיטגעאַרבעט מיט די דײַטשן.

אין ייִדישן פּוילן, איבער הויפּט אין וואַרשע, איז די דײַטשע אָקופּאַציע געווען אַ פּעריאָד פון אַרבעטלאָזיקייט און גרויליקן הונגער. אויך די פּלאָג פון דעמאָראַליזאַציע און שמוגלערײַ האָט נישט אויסגעמיטן די ייִדן.

אַ סך אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען זענען עוואַקויִרט געוואָרן צוזאַמען מיט דער רוסישער אַרמיי. די פאַבריקן און וואַרשטאַטן וואָס זענען געבליבן זענען אָפּגעשניטן געוואָרן פון זייער שטאָף־באַזאָרגונג און פון זייער רוסישן אָפּזאַצמאַרק. איז דער איינציקער אויסוועג פאַר דער אַרבעטער־יוגנט, כדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער, געווען דאָס פאָרן אויף האַלבער אָדער גאַנצער שקלאַפן־אַרבעט אין די דײַטשע אַמוניציע־פאַבריקן. די מיטליאָריקע אַרבעטער און די אַרבעטנדיקע פרויען זענען אַוועק אַרבעטן בײַ די אָקאָפּעס. פון דעסט וועגן האָט דאָס אַלץ ווייניק וואָס געלינדערט דעם הונגער און די נויט. צוויי נײַע „מיסחר"־צווײַגן זענען אויפגעקומען, זייער „אייגנאַרטיקע" פאַר דער הונגעריקער וואַרשע: דאָס אויפקויפן די שאָלן פון די אָפּגעשיילטע קאַרטאָפל און דאָס פאַרקויפן „הייסע בובעלעך". אַלץ אָפטער האָט מען געהערט איבער די הייף דאָס באַקאַנטע אויסגעשריי: „שאָלן קויפעך".

באַזונדערס געהונגערט האָבן די משפחות פון די רעזערוויסטן וואָס זענען אַוועק מיט דער רוסישער אַרמיי. די דאָזיקע משפחות, געבליבענע אין וואַרשע, האָבן געמוזט אָנקומען צו בעטלערײַ.

דער אַרבעטער־קלאַס האָט די נײַע פּאַזע אין פּאָליטישן לעבן אויפגענומען קעמפעריש. נאָכן אַרײַנמאַרש פון דער דײַטשער אַרמיי האָבן זיך אין פאַרשידענע שטאָטטיילן געעפנט פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ביבליאָטעקן, קלובן, לייענזאַלן, קאָאָפּעראַטיוועס און אַרבעטער־קיכן. דאָס אַלץ, מיט גרויסע שילדן אויף דער גאַס אַרויס, האָט אָנגעזאָגט דעם אָקופּאַנט און דער באַפעלקערונג אַז די אומלעגאַלקייט פון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס איז אַוועק צוזאַמען מיטן צאַריזם. פאַרזיכטיק, נישט גלייבנדיק דעם פרײַהייט־געבנדיקן דײַטשן יונקערטום, האָבן די פּאָליטישע פּאַרטייען וואָס האָבן געווירקט צווישן די אַרבעטער אָנגעהויבן זייער אַקטיוויטעט שטילערהייט, און האָבן אויסגעמיטן אויסצושטעלן זייערע אָנפירערשאַפט און מאַסיוון אויף געפאַר.

דאָס ייִדישע קולטור־לעבן האָט אַ שפּאַר געטאָן מיט אַן אומגעווײנלעכער קראַפט. עס קומען דעמאָלט אויף דראַמאַטישע קרײַזן, כאָרן, ליטעראַרישע גרופּעס, צײַטונגען און העקטאָגראַפירטע אויסגאַבעס. אין „כינקע־פּינקע"־טעאַטער קומט פאָר אַן איבערבראָך. אין 1916 גרינדעט זיך די עפּאָכע־מאַכנדיקע „ווילנער טרופּע". די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן דערשפּירן דעם אָנקומענדיקן פרילינג.

און לאַנג האָט טאַקע דער דאָזיקער פרילינג נישט געלאָזט אויף זיך וואַרטן. גאָר אין גיכן איז די מלחמה־פינצטערניש דורכגעריסן געוואָרן דורכן ריזיקן ליכט וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד. שטאַרקער ווי דאָס דונערן פון די האַרמאַטן האָט זיך דורכגעטראָגן אי־



בער דער וועלט די פרײדיקע בשורה וועגן די געשעענישן וואָס זענען פאָרגעקומען אין צאַרנלאַנד, וווּ דער צאַר האָט געמוזט אַבדיקירן און עס זענען ווידער טעטיק געווען די ראַטן פון אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן, פּונקט ווי אין 1905 נאָר אין אַ ריזיקן מאָסשטאַב. מיט פרײדיקן גלויבן אין דעם ענדגילטיקן נצחון איבער דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע האָבן די אַרבעטער־מאַסן פון אומעטום אויפגענומען דעם פאַקט וואָס די פּאַרטיי, וועלכע שטיצט זיך אויף דער וויסנשאַפטלעכער לערע פון מאַרקס און ענגעלס, האָט אָנגעהויבן צו געווינען אַלץ מער השפּעה בײַם פאָלק. און גרעסער איז געווען די פרייד ווען די דאָזיקע פּאַרטיי האָט אין נאָוועמבער 1917 איבערגענומען די מאַכט אין ריזיקן לאַנד און איז צוגעטראָטן אויפצובויען די קלאַסנלאָזע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

מיט אומבאַגרענעצטן ענטוזיאַזם האָבן די ייִדישע מאַסן אין וואַרשע אויפגענומען די נײַעס פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אין וועלכער זיי האָבן געזען די פאַרווירקלעכונג פון די שטרעבונגען און טרוימען פון דורות ייִדישע סאָציאַליסטישע קעמפערס. די ייִדישע אָרעמקייט און דער עיקר די ייִדישע אַרבעטער און די אינטעליגענץ האָבן מאַסנווײַז זיך אַ קער געטאָן צו דער פּאָליטישער ריכטונג וואָס האָט זיך סאָלידאַריזירט מיט די קעמפנדיקע פעלקער פון גרויסן רוסלאַנד.

דערווײַל איז צעקלאַפּט געוואָרן די מיליטערישע מאַכט פון קייזערלעכן דײַטשלאַנד, עס איז אויסגעבראָכן די דײַטשע רעוואָלוציע, דער קייזער איז אַנטלאָפן און עס איז געבוירן געוואָרן די ווײַמאַר־רעפּובליק. אויך איז אונטערגעגאַנגען די עסטרײַכישע מאָנאַרכיע פון די האַבסבורגן. דאָס פּוילישע פאָלק האָט באַקומען די מעגלעכקייט אויפצושטעלן זײַן זעלבשטענדיקע מלוכה.

אָבער די מאַכט אין דעם נײַעם פּוילן האָבן איבערגענומען די פּריצים און גרויסע קאַפּיטאַליסטן און זיי האָבן אײַנגעשטעלט אַ רעזשים פון עקספּלואַטאַציע, נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, אַנטיסעמיטיזם און רדיפות קעגן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. פּוילן איז געוואָרן די ערשטע פאַשיסטישע מלוכה אויף דער וועלט.

דערצו האָט זיך די פּוילישע גענעראַלן מיט פּילסודסקין און רידז־סמיגלין בראָש פאַרוואָלט אַ מיליטערישע אַוואַנטורע און זיי האָבן פאַרפירט אַ קאָנטררעוואָלוציאָנערן קריג קעגן דער ראַטן־מלוכה, ד"ה קעגן דער מלוכה וועלכער זיי האָבן געהאַט צו פאַרדאַנקען די זעלבשטענדיקייט פון אייגענעם פאָטערלאַנד. עס האָט זיך זיי געחלומט אַ פּוילן „פון ים ביז ים" — פון באַלטישן ביזן שוואַרצן ים — וואָס זאָל פאַרשטייט זיך אײַנשליסן אוקראַיִנע. אין דער ערשטער צײַט פון די מלחמה־אָפּעראַציעס, ווען דער פּוילישער אַרמיי איז, מחמת דער מיליטערישער שוואַכקייט פון דער יונגער סאָוועטישער מלוכה, געלונגען צו אַוואַנסירן איבער דער אוקראַיִנישער ערד, האָט זיך איבער גאַנץ פּוילן צעבושעוועט אַ ווילדער שאָוויניזם און אַנטיסעמיטיזם. עס איז געוואָרן אַ גײַעג נאָכן „זשיד־קאָמונאַ", יעדער ייִד איז געווען אַ „באָלשעוויק", ייִדישע סטראַגאַנעס און קוישלעך מיט בייגל אין וואַרשע זענען געפלויגן אין די רינשטאָקן, ייִדישע בערד זענען געריסן געוואָרן און אַ סך ייִדן האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס. נאָך שאַרפער איז געוואָרן די אַנטי־ייִדישע העצע — און גלײַכצײַטיק נאָך ווילדער דאָס גײַעג קעגן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער — ווען די פּוילישע חיילות האָבן דערפילט די שווערע האַנט פון דער רויטער אַרמיי, האָבן אָנגעהויבן לײַדן איין מפּלה נאָך דער צווייטער און זענען צוריק געלאָפן ביז די סאַמע טויערן פון וואַרשע, וווּ עס האָט זיך אײַנגעגעבן דעם פּוילישן גענעראַל־שטאַב אָפּצושלאָגן די סאָוועטישע אָפענסיווע און אָנצוהייבן אַ קאָנטראַטאַק וואָס האָט דערמעגלעכט דעם פּריצישן פּוילן צו פאַרכאַפּן היפּשע טיילן פון אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד, די אַזוי גערופענע „קרעסן". אין יענער צײַט פון מאַרש הין און צוריק פון דער פּוילישער אַרמיי זענען מאַסן־צעשיסונגען פון ייִדן צוליב כלומרשטן שפּיאָנאַזש געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע זאַך.

סוף כל סוף האָט זיך סטאַביליזירט אַ פּוילישע פּריצישע מלוכה וואָס האָט איבערגענומען די ערגסטע טראַדיציעס פון צאַריזם. מיליאָנען אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, ייִדן, ליטווינער און אַנדערע מינדערהייטן, וואָס האָבן באַטראָפן איבער אַ דריטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון לאַנד, האָבן געהאַט אויסצושטיין זינלאָזע

און אומבאַהמנותדיקע פאַרפאָלגונגען. זיי זענען באַרויבט געוואָרן פון זייערע עלעמענטאַרע רעכט אויף מלוכה־שולן אין דער מוטערשפּראַך און אויף דער אַנטוויקלונג פון זייערע נאַציאָנאַלע קולטורן. ייִדן, וואָס זייער צאָל אין גאַנץ פּוילן האָט איבערגעשטיגן די דריי מיליאָן (10 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג), האָבן אָנגעהויבן צו ליידן פון אַן אַנטיסעמיטיזם וואָס איז אין געוויסע אַספּעקטן געווען ערגער ווי דער צאַרישער אַנטיסעמיטיזם. הגם געזעצלעך זענען זיי געווען גלייך־באַרעכטיקט, האָבן זיי אויף טריט און שריט געהאַט אויסצושטיין פּורעניות און נגישות. אין די אוניווערסיטעטן — וואָס זענען כּלומרשט געווען פריי פאַר אַלעמען — האָט לגבי ייִדן געהערשט אַ פּאַקטישער נומערוס קלאַוזוס, אויף מלוכה־פּאָסטנס און אין די עטאַטיזירטע (פאַרמלוכהשטע) פאַבריקן האָט מען קיין ייִדן נישט אָנגענומען. עס איז אַפילו דערגאַנגען צו טראַגיש־קאָמישע קאָמענטאַרן אין גאַנצן לאַנד ווען דער „בונד" האָט זיך באַרימט אַז אין וואַרשע האָט ער אויסגעקעמפט אַ ייִדישן טראַמווײַ־קאָנדוקטאָר.

די פּוילישע מלוכה האָט אָנגעהויבן איר עקסיסטענץ מיט עקסצעסן קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג, מיט שניידן בערד, צעשיסונגען, מיט שמײַסן אומשולדיקע ייִדן, מיט אַ פּאָגראָם אין פּינסק. דאָס ערגסטע איז אָבער געווען דער פינצטערער דקות וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף די ייִדישע מאַסן און האָט מיט זײַן גרויל איבערגעשטיגן די לאַגע בײַם צאַריזם. איבערו[ײַ]סנדיק מיטן ראַטן־פאַרבאַנד האָט פּוילן פאַרלוירן דעם ריזיקן מאַרק פאַר איר טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען פון לאָדזש און ביאַליסטאָק און פאַר אַנדערע פּראָדוקטן פון איר אינדוסטריע. במילא זענען אַרבעטסלאָזיקייט און פינאַנציעלע קריזיסן געוואָרן אַ כראָנישע דערשײַנונג. אַחוץ דעם האָט די שאָוויניסטישע און פאַשיסטישע פּאָליטיק פון די פּוילישע רעגירונגען געפאָדערט אַן אָנגעשוואָלענעם בודזשעט פאַר מיליטער און פּאָליציי, וואָס דאָס האָט דערפירט די לאַסט פון שטײַערן צו אומדערטרעגלעכע גרענעצן. די ייִדישע קליינבירגערלעכע באַפעלקערונג, די קרעמערס, די האַנטווערקערס און די כאַלופּניקעס האָבן באַזונדער שווער געליטן פון דער פּוילישער שטײַערן־פּאָליטיק, וועלכע איז טרויעריק באַרימט געוואָרן אין די צײַטן פון פינאַנץ־מיניסטער וולאַדיסלאַוו גראַבסקי, ווען עס איז געוואָרן אַ שם־דבר דער וואָגן אויף וועלכן מלוכה־באַאַמטע פלעגן אַרויפלייגן די קאָנפיסקירטע זאַכן פאַר נישט־באַצאָלטע שטײַערן — די באַרימטע גראַבסקיס „עגלה". עס האָבן אויך געליטן דער אַרבעטער און דער פּויער, די וויכטיקסטע קליענטן פון דעם ייִדישן קליינעם קרעמער. גרויסע טיילן פון פאָלק האָבן אָנגעהויבן צו ליידן הונגער. אָרעמקייט און אַ מוראַדיק נידעריקער לעבנס־סטאַנדאַרט זענען געוואָרן דער גרונט־סימן פון דער פּוילישער עקאָנאָמיק.

די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע האָט דערפירט צו אַ טיפער פאַרמעגנטירונג אין לאַנד. די רעוואָלוציאָנערע שטימונג בײַ די מאַסן, בײַ וועלכע עס זענען פריש געווען די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס, האָט כּסדר געשטיגן. עס איז געוואַקסן דער כּוח פון דער קפּ"פּ (קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּוילן). שטרײַקן, בונטן, אויפשטאַנדן זענען געוואָרן אָפטע דערשײַנונגען.

די רעגירונג, וואָס האָט זיך קיין עצה נישט געקענט געבן מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע, איז אָבער געווען זייער רירעוודיק בײַם באַקעמפן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז דערקלערט געוואָרן אומלעגאַל, די געריכטן האָבן אָנגעהויבן צו טיילן פיליאָריקע תּפיסה־טערמינען פאַר אומלעגאַלער פּאָליטישער טעטיקייט, און וואָס אַ יאָר זענען שאַרפער געוואָרן די פּאָליציייִשע און געריכטלעכע רעפּרעסיעס. אין די דרײַסיקער יאָרן זענען תּפיסה־שטראָפן שוין געווען נישט גענוג — די סאַנאַציע־געריכטן האָבן געשיקט אַ סך אַרבעטער־טוער אויף דער תּליה. די רדיפות האָבן אָבער נישט געקענט ראַטעווען די פּאָליטישע סטאַביליטעט. די פּוילישע רעגירונגען האָבן זיך כּסדר געביטן, מחמת קיין איינע האָט נישט געקענט לייזן די פּראָבלעמען פון לאַנד. דער ערשטער לעגאַל־דערוויילטער פּרעזידענט, גאַבריעל נאַרוטאָוויטש, וואָס האָט געהערט צו דער ליבעראַלער בורזשואַזיע און האָט געהאַט בדעה אײַנצופירן אַ פּראָגרעסיווערן קורס בנוגע די וויכטיקסטע פּראָגעס פון דער מלוכה, איז דערמאָרדעט געוואָרן (אין 1922). לסוף האָט פּילסודסקי זיך פאַרמאָסטן צו לייזן די קריטישע סיטואַציע מיט דער הילף פון אַן אָפן פאַשיסטישן שטאַטקלאַפּ (אין 1926). דאָס לאַנד איז אָבער געווען אַזוי צעטרייסלט עקאָנאָמיש און פּאָליטיש,



אַז אַפילו פּילסודסקיס פאַשיסטישע מעטאָדן האָבן נישט געקענט אָפּשטעלן די געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע צערודערונג. אינעם בירגערלעכן לאַגער גופא האָט פּילסודסקי געהאַט אויסצושטיין אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע און עס האָבן נישט געהאָלפן די טעראָר־מיטלען פון דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע כּדי אָפּצושטעלן דעם אויפברויז אין לאַנד.

בײַ אַזאַ לאַגע פון פּערמאַנענטן עקאָנאָמישן קריזיס און פּאָליטישער צערודערונג איז דאָס לעבן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג געווען ממש טראַגיש, בפרט אַז די אַנטי־ייִדישע פּאָליטיק פון דער רעגירונג איז אין די דרײַסיקער יאָרן, נאָכן איבערנעמען די מאַכט דורך היטלערן אין דײַטשלאַנד, נאָך שאַרפער געוואָרן. דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם איז אַריבער צו אָפענע פּאָגראָמען. טרויעריק באַרימט זענען געוואָרן די 2 שטעטעך פּשיטיק און בריסק, וווּ עס איז פאָרגעקומען דאָס וואָס עס איז געשען אין קעשענעוו מיט דרײַ יאָרצענדליק פריִער. די פאַראָרעמטע ייִדישע באַפעלקערונג איז דערפירט געוואָרן צו די גרענעצן פון פאַרצווייפלונג, וואָרעם אַפילו די עווענטועלע אימיגראַציע־לענדער מעבר לים זענען געווען געשלאָסן פאַר ייִדישע עמיגראַנטן און אויך קיין ארץ־ישראל האָט די ענגלישע רעגירונג נישט אַרײַנגעלאָזט.

אין אַ געדריקטער שטימונג האָבן די ייִדן זיך דערנענטערט צו סעפּטעמבער 1939, ווען דער היטלעריסטישער מחבל האָט אָנגעהויבן זײַן אויסראָטמאַרש קעגן די פרײַע פעלקער פון אייראָפּע.

---

אין די צוואַנציק יאָר פון דעם זעלבשטענדיקן פריִצישן פּוילן האָבן די ייִדישע מאַסן געהאַט צו פאַרצייכענען גרויסע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אויפטוען. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע און בכלל די געשעענישן נאָכן ערשטן וועלטקריג האָבן דערוועקט אַ גוואַלדיקן אַפּעטיט צו ברייטע קולטור־פאַרמעסטן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ייִדישע קולטור־באַוועגונג וואָס איר גלײַכן איז שווער צו געפינען אין דער ייִדישער געשיכטע. עס איז אַנטשטאַנען אַ נעץ פון ייִדישוועלטלעכע שולן, עס האָט זיך אַנטוויקלט טראָץ דער פאַשיסטישער צענזור אַ פּרעסע־וועזן, און עס זענען דערשינען צענדליקער ייִדישע טאָגצײַטונגען און פּעריאָדישע אויסגאַבעס. די ייִדישע פאַרלאַגן האָבן אַרויסגעגעבן הונדערטער ביכער און די ייִדישע ליטעראַטור איז באַרײַכערט געוואָרן מיט נײַע טאַלאַנטן. די בעסטע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור און וועלט־וויסנשאַפט — די שאַפונגען פון האָמער, שעקספּיר, אַריסטאָטעלעס, מאַרקס, ניוטאָן, אײַנשטיין און אַנדערע — זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף ייִדיש. איבער גאַנץ פּוילן זענען אַנטשטאַנען ביבליאָטעקן, קלובן, דראַמקרײַזן, טעאַטערס, כאָרן, אָרקעסטערס, אַ לאַנד־קענטעניש־געזעלשאַפט, פאָלקס־אוניווערסיטעטן — און אַלץ אין ייִדיש. לעקטאָרן האָבן באַרײַזט דאָס לאַנד און דערגרייכט מיט זייערע רעפעראַטן ביז די ווײַטסטע שטעטלעך. די קולטור־ייווירונג איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אַפילו אין די ווײַטע אַמעריקאַנער לענדער האָט מען געפילט איר ווירקונג.

ייִדישע פּאַרטייען אין פריִצישן פּוילן האָבן געקעמפט פאַר זייער אײַנפלוס אויף די מאַסן. די ציוניסטן, וואָס זענען געווען געשפּאָלטן אין אַ סך גרופּעס, האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפן ייִדישן קליין־ און מיטל־בירגערטום און אויף טיילן פון דער אינטעליגענץ. זיי האָבן אויסגעבויט אַ העברעיִשע שולנעץ („תרבות" און „תחכמוני") און אַ חלוץ־אָרגאַניזאַציע מיט הכשרות כּדי צוצוגרייטן יוגנטלעכע צו דער עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל. אַ סך טויזנטער בחורים און מיידלעך און אויך עלטערע זענען טאַקע אַנטלאָפן פון דער נויט און פון אַנטיסעמיטיזם קיין פּאַלעסטינע, וווּ זיי האָבן זיך פאַרוואָרצלט ווי דער מאַסן־קערן פון דעם איצטיקן ישוב. דער „בונד" האָט זײַן הויפּט־כּוח געהאַט צווישן גרויסע טיילן פון ייִדישע אַרבעטער און אָרעמע האַנטווערקערס. הגם אייגנטלעך איז ער געווען צעטיילט אויף צוויי פראַקציעס (אַ „לינקע" און אַ רעכטע) איז ער אין אַלע גרונטפּראַגעס מיטגעגאַנגען מיט דער שאָוויניסטישער און אַנטיסעמיטישער פּעפּעס. אין די לעצטע יאָרן פאַר 1939 האָט דער „בונד" זיך געשטאַרקט אויפן חשבון פון די ציוניסטן, אַזוי ווײַט אַז ער האָט געוווּנען די וואַלן אין די גרעסערע קהילות.

אַ שוואַרצער כּוח אויף דער ייִדישער גאַס זענען געווען די „אגודה" און דער ציוניסטישער „מזרחי". די „אגודה" האָט געהאַט איר אָנשפּאַר בײַ די צענדליקער טויזנטער חסידים פון אַלערליי

רבייִשע דינאַסטיעס. זי האָט מיטגעאַרבעט אָפן מיט אַלע פּויליש־פאַשיסטישע רעגירונגען, דער עיקר זינט פּילסודסקיס צײַטן, און די פּוילישע רעגירונגען האָבן גערן אָנגענומען איר מיטאַרבעט, מחמת זי איז געווען אַ געהאָרכזאַמער רעאַקציאָנערער כּוח צווישן ייִדן. די אגודה האָט ביטער באַקעמפט יעדן סימן פון פּראָגרעס, יעדע שטרעבונג צו וועלטלעכקייט. אירע קולטור־פּאָזיציעס זענען געווען די מיטל־עלטערלעכע חדרים, די ישיבות מיט דער לובלינער ישיבה בראש, די מקוואות און די רבייִשע הייף.

אָנהייב די צוואַנציקער יאָרן האָט געהאַט אַ השפּעה אויף די ייִדישע האַנטווערקער די פאָלקספּאַרטיי, וואָס אירע פירערס זענען געווען די באַקאַנטע שרײַבער נח פּרילוצקי און הערש דוויד נאָמבערג. שפּעטער איז די דאָזיקע פּאַרטיי כּמעט פאַרשוווּנדן.

די רעוואָלוציאָנערע ייִדישע אַרבעטער זענען געגאַנגען מיט זייער קלאַסן־פּאַרטיי, די קפּ״פּ. הגם די דאָזיקע פּאַרטיי, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון דעם צונויפגאָס פון דער סדקפּ״ל מיט דער פּפּעס־לעוויצאַ און האָט איבערגענומען אַלע הערלעכע טראַדיציעס און די פּרעכטיקע העראָישע ירושה פון די רעוואָלוציאָנערע פּוילישע באַוועגונגען פון די פריִערדיקע צײַטן, איז געווען אומלעגאַל אין פאַשיסטישן פּוילן און די פּאָליציי האָט זי שווידערלעך פאַרפאָלגט, האָט זי געפונען די וועגן ווי אַזוי צוצוקומען צום באַוווּסטזיין און צו די הערצער פון הונדערטער טויזנטער ייִדישע פּראָלעטאַריער און אַרבעטסמענטשן. איר אײַנפלוס אויף דער ייִדישער פאָלקסמאַסע איז געווען אַ באַדײַטנדיקער און בעת וואַלן פלעגט זי אין די ייִדישע געגנטן באַקומען אַ גרויסע צאָל שטימען. אַ סך טויזנטער ייִדן האָבן באַצאָלט מיט יאָרן תּפיסה פאַר זייער אָנגעהעריקייט צו דער קפּ״פּ, און צווישן די העלדישע מאַרטירער וואָס האָבן געגעבן זייערע לעבנס פאַר אַ סאָציאַליסטיש פּוילן גלאַנצן אַרויס די נעמען פון באָטווין, ענגעל און אַנדערע, וואָס האָבן זיך מיט זייער בלוט פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון פּוילנס באַפרײַונג.

וואַרשע, וואָס איר ייִדישע באַפעלקערונג האָט האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איבערגעשטיגן די 300 טויזנט (איבער 30 פּראָצענט פון דער אײַנוווינערשאַפט), האָט בײַגעטראָגן איר ריזיקן חלק צו דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער באַוועגונג אין לאַנד. די וויכטיקסטע ייִדישע צײַטונגען, די גרעסטע פאַרלאַגן, די צענטראַל־קאָמיטעטן פון די פּאַרטייען, די גרעסטע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראייניגן און זייערע צענטראַלעס, די צענטראַלעס פון די שולן, די באַדײַטנדיקסטע ייִדישע שרײַבער, די אָנגעזעענסטע לעקטאָרן, די גרויסע טעאַטערס האָבן זיך געפונען אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט, וואָס איז גלײַכצײַטיק געווען דער גרעסטער ייִדישער צענטער אין אייראָפּע.

אַז וואַרשע איז געווען ווירדיק צו זײַן אַ פירנדיקע שטאָט בײַ ייִדן, האָבן באַוויזן די שפּעטערדיקע טראַגישע געשעענישן, ווען דער אַרצמערדער היטלער האָט זיך פאַרמאָסטן זי צו פאַרטיליקן. די גלאָריע פון וואַרשע פון אַפּריל 1943 איז אויך די גלאָריע פון אַלע ייִדן פון דער גאַנצער וועלט.





אין אַ וואַרשעווער הויף

(פאָטאָ ר. ווישניאַק)

ע. נ. פרענק

# די מלחמה קעגן „הפקרות" אין דער אמאַליקער וואַרשע

א.

פינצטער, גליטשיק און דער שמש יאָגט. — ייִדן וווינען אין ענגע בנינים אויף ענגע שמוציקע, נישט־ברוקירטע געסלעך. — „פּאַטשעיווו". — רדיפות און אָרעמקייט זײַנען די סיבה פון ענגקייט און שמוץ. — אין די געסלעך פילן זיך ייִדן ווי אין דער היים. — ייִדישע חברות, מנינים, ספרי־תורה, קדוש־לבנה און חופות. — „קול יעקב" ווערט פונאַנדערגעגאָסן איבער די גאַסן פון וואַרשע. — אַן אַפּצאָל דעם אַפּיציאַל פאַר תפילות און ייִדישע שמחות. — די אָפּגעהיטקייט פון עבירות. — אויסערהאַלב די ייִדישע געסלעך. — דעם שמשס שמירה אויף די בעטן און געפּעם. — צעהאַקט, צעבראָכן און געשלאָגן. — דער שמש אַלס שפּיאָן. — די אימה פאַרן שמש. — אַנקלאַגעם העלפן נישט. — דער געהיימער קהל. — דער גלות פון איין בלאָטע אין אַן אַנדערע, גרעסערער בלאָטע. — די גזירה אויף דירות. — צעווייט און צעשפּרייט. — די שמשים פאַרלירן זייער אָפּיציעלן אַמט און זייער גרויסע שליטה. — עפּעס ווערט קאַליע. — די „פרעמדע פראַגע". — דער „טאַנצעטל" דאַרף בטל ווערן און קיין וואַרשעווער ייִד איז זיך וועגן דעם נישט משתדל. — די השתלות פון פּוילישן אַדל און גרויסע באַאַמטע וועגן ייִדן. — אַ כרוז פון קהל און בית־דין וועגן באַהעלפער. — אמתע שרעקלעכע הפקרות. — קהל איז אָפּהענטיק און דער ייִדישער המון רעאַגירט.

שרייבנדיק וועגן ייִדן אין אַמאַליקן וואַרשע איז אונדז כמעט אוממעגלעך נישט צו געבן אַלס הקדמה די קורצע און זייער שאַרפזיניקע ווערטער וועלכע מיר האָבן שוין געבראַכט אויף אַן אַנדער אָרט (1), אין נאָמען פון אַ פאַרצייטיקן ייִדישן משכיל וואָס האָט כאַראַקטעריזירט דאָס דעמאָלטדיקע ייִדישע לעבן אין וואַרשע מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

> „פינצטער, גליטשיק און... דער שמש יאָגט".
> קיין בעסערע כאַראַקטעריסטיק קאָן נישט זיין.

פינצטער און גליטשיק איז געווען דאָס ייִדישע לעבן אין וואַרשע. רדיפות פון דרויסן, דוחק אינעווייניק, ביי יעדן נישט־פאַרזיכטיקן שריט פון אַ ייד איז ער געפאַלן אין תפיסה אריין, האָט פאַרלוירן זיין ביסל האָרעוואַניע, זיין געזונט, און דערצו נאָך האָבן די שמשים גערודפט, אַכטונג געגעבן אויף יעדן טריט און שריט פון איטלעכן ייד, ער זאָל אָפּהיטן אַלע דינים און מינהגים און זאָל, חלילה, נישט עובר זיין אויף עפּעס אַ דין.

ענדע דעם 18טן און אָנהייב דעם 19טן יאָרהונדערט האָבן יידן אין וואַרשע געוואוינט אין ענגע בנינים, וואָס זענען געשטאַנען צווישן נאָווואַ־סענאַטאָרסקאַ און סענאַטאָרסקאַ (2), און אויך אין פאַרשידענע קליינע, ענגע, שמוציקע, נישט־ברוקירטע געסלעך, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון סענאַטאָרסקאַ, אויף דעם אָרט וואו עס געפינט זיך היינט די גאַס ביעלאַנסקאַ, רעכטס, לינקס, און ווידער רעכטס און לינקס, און האָבן געטראָגן פאַרשידענע נעמען: זשידאָווסקאַ, קלאָפּאָצקאַ, טלאָמאַצקאַ, ביבליאָטעטשנאַ אא"וו. (3).

היות יידן האָבן דעמאָלט אין אַנדערע ערטער אין וואַרשע נישט געטאָרט וואוינען און די גרויסע אָרעמקייט וואָס האָט געהערשט צווישן יידן אין פוילן האָט זיי געשטויסן דווקא אין דער דאָזיקער שטאָט, וואו, כאָטש עס איז זיי אויסגעקומען אויסצושטיין זייער פיל רדיפות, האָט מען דאָך אין איר געקאָנט עפּעס פאַרדינען, האָבן אין יעדער דירה געמוזט וואוינען צו עטלעכע פאַמיליעס און ממילא איז אין די יידישע וואוינונגען געווען זייער ענג און אויך זייער שמוציק.

אין אָט די געסלעך האָבן זיך יידן געפילט, טראָץ אַלע רדיפות, ווי טאַקע ביי זיך אין דער היים. אין די הייזלעך, וואָס זענען געווען ארומגעצוימט מיט הויכע, הילצערנע פּאַרקאַנעס, האָבן זיי זיך געגרינדעט פאַרשידענע חברות, ווי: חברה תהילים, חברה משניות און אויך „חברה ש"ס", „שומרים לבוקר", „הכנסת כלה", „הכנסת אורחים", „בקור חולים", „מעוז לדל", „גמילות חסד" און — ועל כולם — „חברה קדישא". און יעדע חברה האָט זיך געהאַט איר מנין, און יעדער ייד וואָס האָט עפּעס אביסל מער פאַרדינט האָט זיך געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה, און דאָס ספר־תורה איז אריינגעפירט געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד, מיט כלי־זמרים און געזאַנג אין איינעם פון די שולעכלעך. מען האָט מקדש לבנה געווען אויף דער גאַס פראַנק און פריי בקול רם, מען האָט חתונה געמאַכט קינדער און חתן־כלה האָט מען געפירט מיט כלי־זמרים צו דער חופּה איבער די געסלעך ביז פאַר דער שול פון דעם מנין צו וועלכן דער מחותן האָט געהערט. און די קולות פון די יידישע תפילות, פון יידישע זמירות, פון תהילים, משניות און גמרא, פון יידישע נגונים, האָבן זיך פונאַנדערגעגאָסן איבער די גאַסן פון וואַרשע, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געקעמפט הונדערטער יאָרן קעגן דעם יידישן יישוב אין שטאָט, און זיי זענען אויך אָנגעקומען אין די קלויסטערס און נישט איין מאָל זיך פאַרמישט מיט די מאָנאָטאָנע קלאַנגען פון די גלאָקן. כדי די קאַטוילישע גייסטלעכע זאָלן נישט העצן דעם המון קעגן יידן, ווייל זיי דערלויבן זיך אַזוי אָפן צו „פאַרשוועכן" די שטאָט, און אויך כדי זיי, די גייסטלעכע, זאָלן מיט זייער אייגענעם כח דאָס נישט פאַרווערן, האָבן יידן אין געוויסע צייטן אריינגעטראָגן דעם אַפּיציאַל געוויסע סומעס געלט, און דערנאָך איז עס געוואָרן ווי אַ געזעץ אַז יעדע שול און יעדער ייד וואָס האָט חתונה געמאַכט אַ קינד, אָדער געמאַכט אַן אַנדער שמחה, האָט געמוזט אריינטראָגן דעם אַפּיציאַל אַ געוויסע סומע, און כדי יידן זאָלן נישט קאָנען מעלים זיין דעם דאָזיקן אָפּצאָל האָט דער אַפּיציאַל אים איבערגעגעבן אַ יידן אין אָרענדע (4).

אין פלוג דאַכט זיך אַז אין אַזאַ אַטמאָספער האָט אַ שמש מיר נישט געהאַט צו טון ווי אָפּצוהיטן די שול און דעם בית־דין. וואָרעם וואוינענדיק אַזוי ענג געפּאַקט, וואו יעדע באַוועגונג, יעדער ריר פון יעדן איינציקן, איז באַלד באַוואוסט געוואָרן אַלע איינוואוינער, האָט זיך דאָך יעדער ייד געמוזט אַליין היטן, ער זאָל, חס ושלום נישט טון קיין שום עבירה, ער זאָל, חלילה, נישט עובר זיין אויף קיין שום דין, כדי ער זאָל נישט זיין צו שאַנד און צו שפּאָט. אויסערהאַלב די יידישע געסלעך האָט זיך כמעט קיין שום ייד נישט געקאָנט ווייזן, וואָרעם דאָרט איז ער זייער אָפט באַפאַלן געוואָרן פון יינגערע און עלטערע קריסטן וועלכע האָבן אים געשלאָגן מכות רצח (5), און אַ פּשיטא אַז אַ ייד האָט נישט געקאָנט קומען אויף קיין פאַרוויילונגס־אָרט. עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן אַז

1) העברעיש, כרך ב' פּטרוגרד, תרעה.

2) אויף דעם אָרט וווּ עס געפינט זיך איצט דאָס גרויסע טעאַטער אין וואַרשע איז דעמאָלט געווען דער ערשטער פּאַטשעיווו, וווּ ייִדן האָבן געהאַנדלט מיט אַלטוואַרג. די קראָמען זײַנען אויסגעאַרבעט געוואָרן פון אַ פּאַלאַץ פון אַ געוויסער פּוילישער פאַמיליע מיטן נאָמען פּאַטשעץ און אויף איר נאָמען איז ער גערופן געוואָרן פּאַטשעיווו. פון דעמאָלט אָן ווערט גערופן יעדער חויף אין וואַרשע ווו ייִדן פאַרקויפן אַלטוואַרג מיטן נאָמען „פּאַטשעיווו".

3) די דאָזיקע נעמען ווערן געברויכט אין דעם דעקרעט פון דעם זאַקסישן קעניג פון 16טן מאַרץ 1809. פון די אַלע געסלעך איז איבערגעבליבן נאָר איינס, טלאָמאַצקע, ווו, ווי אויף אַ זכר אַז דאָרט איז געווען אַ ייִדישער ישוב ווען ייִדן האָבן אַנדערשווו אין וואַרשע ניט געטאָרט וווינען, האָט זיך שפּעטער געפונען די גרעסטע ייִדישע סינאַגאָגע אין דער שטאָט.

4) הויפּטאַרכיוו אין וואַרשע, מאַגיסטראַט־אַקטן 503/484. זע: ע. נ. פרענק „העירונים והיהודים בפולין" וואַרשע 1921, זײַט 86.

5) זע: ע. נ. פרענק, דאָרט זײַטן 72, 78.

דווקא די שרעקלעכע ענגקייט וואס האט געהערשט אין די יידישע געסלעך האט מיטגעבראכט די נויטווענדיקייט פון דעם שמשס שמירה אויף דער זיטלעכקייט און אויף כשרות.

זייער ענג איז געווען אין די יידישע דירות. עטלעכע פאמיליעס מיט קינדער צוזאמען האבן געוואוינט אין איין צימערל און דער שמש האט געמוזט האבן השגחה אז יעדע פאר בעט: פון איטלעכן פאר־פאלק זאל זיין אפגעצוימט מיט עפעס א מחיצה, א שפאניש ווענטל, א ליילעך, א פאר ברעטלעך און אויך אז די בעטן פון יעדן פאר־פאלק זאלן זיין אפגערוקט איינס פון אנדערן, ווי דער דין איז.

אין דער גרויסער ענגשאפט איז אויך שווער געווען צו האבן באזונדערע שענקלעך אויף פליישיק געפעס און באזונדערע אויף מילכיק געפעס, און דאס האט דאך לייכט געקאנט גורם זיין צו טרפות, צונויפמישן מילכיקע מיט פליישיקע כלים, און מען האט געמוזט האבן השגחה אז אזעלכע באזונדערע שענקלעך זאלן זיך יא געפונען אין יעדער שטוב.

און דער שמש האט טאקע השגחה געגעבן אויף יעדער שטוב, אויף יעדן ווינקעלע. אומגעריכט, אומגעזען, איז ער אריינגעפאלן אין א שטוב, בודק געווען, געפארשט, געפרעגט, — און וויי צו דער יידענע וואס האט נישט געהאט באזונדערע ערטער אויף מילכיקס און פליישיקס! און ווי צו דעם פאר־פאלק וואס האט נישט געהאט קיין מחיצה צווישן די בעטן, אדער וואס האט אריינגענומען א פרעמדן ייד און ארום זיין בעט קיין מחיצה נישט געמאכט! דער שמש האט געהאקט, צעבראכן און פיל מאל אויך געשלאגן פרויען און מענער (6).

און די שמשים זענען געגאנגען נישט מיט זייער אייגענעם כוח, אדער בלויז מיט דעם כוח פון בית־דין. זיי זענען געקומען מיטן כוח פון דער מאכט. נאך אין יאר 1770 האט דער מארשאלעק ליובאמירסקי ארויסגעגעבן א באפעל אז דער שמש פון דעם שתדלן (אפיציעל האט די ווארשעווער קהילה קיין רב נישט געטארט האבן, נאר א שתדלן) מוז גלייכצייטיק שפיאנירן די יידישע גנבים (7). אין די שפעטערע יארן, ווען די צאל יידן אין ווארשע איז גרעסער געווארן און ממילא האבן זיך אויך די שמשים געמערט, זענען זיי אויך מחויב געווען צו זיין ביים באשטימען די שטייערן פון יידן און אויפצוגעבן דעם נאמען פון יעדן ייד און דעם צושטאנד פון זיין פארמעגן. דער שמש איז אלזא אריינגעקומען אין יעדער יידישער שטוב אלס אפיציעלער שפיאן און אויך אלס באאמטער. ער האט דאך כלומרשט געמוזט וויסן צי דארט האלטן זיך נישט אויף קיין גנבים און וואסערע געשעפטן עס ווערן דארט געפירט. און מורא האבן האט מען דאך געמוזט פאר אים. ער האט געקאנט מעלדן דער מאכט אז דארט און דארט האלטן זיך אויף פארדעכטיקע מענטשן, און באלד זענען די יידן ארעסטירט און געפייניקט געווארן. אויפן בעסטן פאל האט ער געקאנט אויפגעבן אז די און די זענען זייער פארמעגלעך און קאנען צאלן גרויסע שטייערן. עס זענען אפילו געגאנגען אנקלאגעס צו דער מאכט פון פארשידענע יידן אויף דער אויפפירונג פון די שמשים, דאס האט אבער גארנישט געהאלפן. ווארשיינלעך האט זיך דער געהיימער קהל שוין געסטארעט וועגן דעם.

די טעטיקייט פון די שמשים האט אבער געמוזט מיט דער צייט איבערגעריסן ווערן.

לויט די דעקרעטן פון דעם זאקסישן קעניג (1809), וועלכער האט געהערשט איבער דעם ווארשעווער הערצאגטום (1807־1814), זענען יידן ארויסגעטריבן געווארן פון יענע בלאטיקע געסלעך און זענען איבערגעטראגן געווארן אין א גרעסערער בלאטע, אויף די גאסן קרולעווסקא און מארשאלקאווסקא, וועלכע זענען אין יענע צייטן געווען כמעט פוסט, וויסט און נאר וואו נישט וואו האט זיך געפונען א הייפל מיט עטלעכע בנינימלעך, אין וועלכע יידן האבן זיך געמוזט באזעצן.

---

6) די געהיימע אנקלאגע פון הירש דאווידאוויטש צו דער פאליציי (8טער מיי 1805, אקטן פון דער פאליציי 809. ארכיוו פון אלטע אקטן אין ווארשע).

7) פון א רעפעראט וואס דער ווארשעווער מאגיסטראט און די צעכן האבן דערלאנגט דער פרייסישער מאכט אין יאר 1801 (הויפטארכיוו אין ווארשע, 1125).

די דאזיקע הייפלעך האבן אבער נישט געקלעקט. לויט דעם קעניגלעכן דעקרעט פון 6טן מארץ 1809 האט געמעגט וואוינען אין א הייזקע וואס האט 2־3 צימערן נאר איין פאמיליע, 4־5 צימערן — צוויי פאמיליעס, 6־7 צימערן — דריי פאמיליעס אא"וו (8). יידן האבן זיך אלזא פארשפרייט אין די זייטיקע גאסן — רזשעלנא, באגנא, גזשיבאוו, גזשיבאווסקא, פאנסקא, און זייענדיק צעזייט און צעשפרייט האט ממילא איינער דעם צווייטן נישט געקאנט קאנטראלירן און אויך די שמשים האבן קיין גרויסע שליטה נישט געקאנט האבן. זייער אפיציעלן אמט פון שפיאנען האבן זיי פארלוירן אין דער צייט פון דעם ווארשעווער הערצאגטום, און יידן, וואס האבן געוואוינט כמעט יעדע פאמיליע אין א באזונדער הייזקע, האבן גאנץ דרייסט געקאנט נישט אריינלאזן צו זיך דעם שמש.

ווי עס האט דעמאלט אויסגעזען דאס אינערלעכע יידישע לעבן אין ווארשע קאנען מיר נישט וויסן פון די קוועלן וואס מיר האבן פאר זיך. איין זאך איז אונדז אבער קלאר: אז עס האט עפעס געמוזט קאליע ווערן אין די אמאליקע ריינע זיטן, און די ווארשעווער יידן האבן אל דאס בייז צוגעשריבן די פרעמדע וואס קומען אן פון דער פראווינץ, און וויל קיינער קען זיי נישט, דערלויבן זיי זיך צו טון מעשים אשר לא יעשו. און מיר זעען טאקע אז אפילו די גרעסטע שתדלנים פון יידן אין ווארשע האבן זיך קיין מאל נישט משתדל געווען אין יענער צייט מבטל צו מאכן די גזירה פון „טאגצעטל" וואס יעדער ייד וועלכער איז אנגעקומען פון דער פראווינץ קיין ווארשע האט געמוזט אויסקויפן פאר פינף זילבער־גראשן — (איין זילבער־גראשן — $7\frac{1}{2}$ קופער־גראשן אדער $3\frac{3}{4}$ קאפיקעס) אויף 14 טעג, כאטש לויט דער קאנסטיטוציע פון ווארשעווער הערצאגטום און אויך לויטן דעקרעט פון קעניג (פון 10טן פעברואר 1809) און דעם באשלוס פון סיים (פון 24טן מארץ 1809) האט דער דאזיקער אפצאל באדארפט בטל ווערן. עס האבן זיך וועגן דעם משתדל געווען יידן פון דער פראווינץ, גרויסע לייט פון פוילישן אדל און אויך גרויסע באאמטע וועלכע האבן באדארפט האבן געוויסע יידן אין ווארשע, אבער נישט די ווארשעווער יידישע שתדלנים, כאטש זיי האבן גוט געוואוסט אז די ווארשעווער מוניציפאליטעט, וועלכע צווינגט יידן אויסצוקויפן דעם „טאגצעטל", איז עובר אויף א בפירושן דעקרעט פון קעניג און אויף א באשלוס פון סיים.

קהל מיטן בית־דין צוזאמען האבן אין יענע צייטן (1810) ארויסגעגעבן א כרוז אז קיין שום ייד זאל זיך נישט דערוועגן אנצונעמען א בעלפער אדער לערער א בחור וואס זאל לערנען מיט זיינע קינדער, סיי יינגלעך, סיי מיידלעך, פאררופנדיק זיך אויף דעם מאמר פון דער גמרא: ולא ילמד רוק סופרים (א בחור טאר נישט לערנען מיט קינדער), ווייל דאס ברענגט צו אויסגעלאסנקייט. נאר היות די שליטה פון די שמשים האט זיך שוין געהאט געענדיקט, האט מען זייער ווייניק זיך געמאכט פון דעם כרוז און קהל האט געמוזט עטלעכע מאל באנייען דעם כרוז מיט שארפערע אזהרות (קיין חרם איז נישט דערלויבט געווען ארויסצוגעבן).

עס האט זיך אויך דעמאלט אריינגעכאפט צווישן יידן אמתע, שרעקלעכע הפקרות פון וועלכער יידן אין פוילן בכלל און אין ווארשע בפרט זענען ביז יענע צייטן ריין געווען (9) — נעמלעך: עס האבן זיך געפונען צווישן יידן אויסוואורפן וועלכע האבן געעפנט אויסגעלאסענע הייזער.

וועגן די דאזיקע הייזער האט זיך קהל געווענדט (דעם 20טן אפריל 1814) צו דער פאליציי־פארוואלטונג מיט א בקשה, זיי צו פארמאכן. קהל האט אבער באקומען א תשובה (20טן מיי 1814) אז די פאליציי־פארוואלטונג איז מסכים צו שליסן די דאזיקע הייזער, נאר מיטן באדינג, אז קהל זאל פריער אויסגעפינען א מיטל אז די אויסגעלאסענע פרויען זאלן קאנען און מוזן זיך דערנערן פון ערלעכן פארדינסט און ערלעכער ארבעט (10). קהל האט זיך אבער נישט געקאנט פארנעמען מיט די דערמאנטע פרויען, און נאר צוליב דער שטעלונג פון יידישן המון האבן די שאנדהייזער געמוזט געשלאסן ווערן, אדער איבערגעטראגן ווערן ווייט פון יידישע גאסן (11).

---

8) דאס גאנצע איבערטראגן יידן אויף קרולעווסקע און מארשאלקאווסקע האט געהאט דעם צוועק צו פארבויען יענע געגנט. דערנאך, ווען די גאסן זיינען דורך יידן פארבויט געווארן, זיינען זיי ווידער איבערגעטראגן געווארן אין אן אנדערער וויסטער געגנט, אויף פראנציסקאנער און נאלעווקעס (אויפן באפעל פון קייזער אלעקסאנדער דעם ערשטן פון 19טן יוני 1821. איבערגעטראגן זיינען זיי געווארן אין יאר 1824).

9) זע ע. נ. פרענק, „לתולדות היהודים בנסיבות וורשה", „התקופה" ספר רביעי, וורשה, תרע"ט, ז' 47.

10) צווישן אלע פארווארפן וואס שונאי ישראל אין פוילן האבן געמאכט יידן געפינען מיר נישט קיין איינעם וועגן אויסגעלאסנקייט.

11) פאליציי־אקטן, 1084, ארכיוו אלטע אקטן אין ווארשע.

## ב.

אַן ממשלה פון שמש. — אַ נייַע ממשלה מיט אַ נייַער קאָנסטיטוציע. — השתדלותן וואָס האָבן זיך נישט איינגעגעבן. — מיליטער־דינסט. — אַ גזירה וועגן אַ נייַעם גלות. — אין אַ נייַער בלאָטע אַרייַן. — נישטאָ קיין מוט צום קאַמף קעגן הפקרות. — ייִדן פאַרבויען און באַזעצן די פראַנצישקאַנער גאַס. — דאָס שטרענגע רעליגיעזע לעבן. — ווידער ענג, שמוציק, חברות און מיניינים, שולן און בתי־מדרשים. — מען זיצט און מען לערנט. — דער שמש וועקט פאַר־טאָג. — איינער אַרויס, דער צווייטער אַרייַן. — ענג, שמוציק, דומפּיק. — די בלאָטעס טריקענען נישט. — ריחות. — קלעצער אויפן הויף. — אַ רעטונג פון שטיקעניש. — דער שמש יאָגט. — ווידער באַקומט דער שמש זייַן מאַכט. — מען האָט מורא. — דאָס לעבן טוט דאָס זייַניקע. — אַ ווינטעלע אַ מחיה. — דער „פּלאַץ בראַני" מיט גראָז, בלומען און אַ וועלדל. — וואַסער מיט אַ גן־עדן־טעם. — גערטנער מיט פאַרווייַלונגען און געטראַנקען. — מען באַפּט זיך אַרויס פון דער גאַס. — די שמשים זייַנען מקים־פּסק און דראָען נאָך דערצו. — „חברה" גיט זיך אַן עצה. — עס טאַנצן בחורים מיט מיידלעך. — דער רב ווענדט זיך צו דער מאַכט. — די שמשים מיט מיליציאַנטן מאַכן אַבלאַוועס אויף טענץ. — די ייִדישע יוגנט באַרויִקט זיך. — דער שמש הערשט אומעטום.

גענוג לאַנג איז געווען די וואַרשעווער ייִדישע קהילה אַן דער ממשלה פון דעם שמש. עס האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן דאָס וואַרשעווער הערצאָגטום און עס איז אָנגעקומען אַ נייע ממשלה מיט אַ נייער קאָנסטיטוציע — די ממשלה פון די רוסן און די קאָנסטיטוציע פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן. קהל איז באַשעפטיקט געווען מיט השתדלותן וועגן פרייהייט, וועלכע האָבן זיך נישט איינגעגעבן, און דערנאָך — מיט נייע השתדלותן קעגן נייע גזירות, וועלכע האָבן זיך אויך נישט איינגעגעבן. אַ ביסל שפּעטער (1817) האָט מען זיך געמוזט משתדל זיין וועגן מבטל מאַכן די גזירה פון מיליטער־דינסט פאַר ייִדן, און דאָס האָט זיך אפילו יאָ איינגעגעבן, נאָר ביני־לביני איז אָנגעקומען די גזירה פון אַ נייעם גלות. קוים וואָס ייִדן האָבן זיך אַ ביסל אויפגעבויט און איינגעאָרדנט אויף קרולעווסקאַ און מאַרשאַלקאָווסקאַ, האָט מען אָנגעהויבן שמועסן אַז באַלד וועט מען זיי פון דאָרט אַרויסטרייבן. זיי האָבן שוין דאָרט געהאַט זייערע מיניינים, זייערע שולן. אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ האָבן זיי שוין אויך געהאַט איינגעאָרדנט אַ הקדש, אָדער אַ שפּיטאָל, אין אַ הויז אויף וועלכן די גבאים אביגדור גרוימאַן, מאיר הירשלס און רפאל בערס האָבן באַקומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש צו קויפן, און פּלוצלינג גייט פאַרלאָזט דאָס אַלץ און גייט אין נייע בלאָטעס אַריין! אַלע מינים השתדלותן האָבן אָבער נישט געפּועלט און ייִדן האָבן זיך געמוזט איבערטראָגן אויף פראַנצישקאַנער גאַס (1824), דאָרט זיך ווידער אָנהייבן בויען און איינאָרדענען, ווידער זיך געפינען ערטער אויף שילן און מניינים. ביני־לביני איז קהל געווען באַשעפטיקט און נישט געהאַט דעם מוט צו קעמפן קעגן דער „הפקרות" וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן דעם ייִדישן המון.

נישט לאַנג האָט אָבער דאָס איינאָרדענען געדויערט. אין פאַרלויף פון די דריי יאָר וואָס עס האָט געדויערט צווישן אַרויסגעבן דעם באַפעל וועגן דעם גירוש פון קרולעווסקאַ און מאַרשאַלקאָווסקאַ און איבערגעטראָגן זיך אויף פראַנצישקאַנער האָבן רייכערע ייִדן דאָרט געקויפט פּלעצער און געבויט הייזער, אָדער זיי האָבן געקויפט הילצערנע הייזקעם (קיין פּאַרטיקע געמויערטע הייזער האָבן ייִדן נישט געטאָרט קויפן אפילו אויף דער גאַס וואָס איז אָנגעוויזן געוואָרן צום וואוינען). די אַלטע, קליינע הייזקעס וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער גאַס און האָבן אָנגעהערט צו קריסטן זענען אויך איבערגעגעבן געוואָרן אויסשליסלעך צו ייִדן (12).

און איצט ערשט האָט זיך אויף ס'ניי אָנגעהויבן דאָס שטרענגע רעליגיעזע לעבן צווישן ייִדן. די הייזער און הייזקעס זענען געווען פול געפּאַקט מיט ייִדן. ווידער האָבן געוואוינט צו עטלעכע פאַמיליעס אין איין שטוב (אויפן דעקרעט פון 1809 וועגן דער צאָל פאַמיליעס אין די דירות האָט מען שוין קיין אַכט נישט געלייגט). ווידער האָבן אויפגעלעבט פיל פאַרשידענע חברות און מניינים, שילן און בתי־מדרשים. בחורים, יונגע־לייט און אויך עלטערע מענטשן זענען געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט. סוחרים, בעלי־מלאכות, גאַסן־הענדלער, מעקלערס, וואָס זענען געווען גאַנצע טעג באַשעפטיקט, פאַרהאָרעוועט, פאַרמאַטערט, האָבן בין מנחה למעריב און פאַר טאָג געלערנט אין מנין, אָדער אין בית המדרש, גמרא, משניות, עין יעקב, מדרש, געזאָגט תהילים וואָס איינער האָט געקענט אַליין, אָדער מיט אַ רבין, אָדער געהערט אַ דרשה פון אַ מגיד. און קיינער, אויסער ווער עס איז געווען קראַנק אָדער פאַררייזט, האָט

12) אַרכיוו פון וואַרשעווער גמינע, רעליגיעזע פּראַנעס.

נישט געטאָרט פעלן אין זיין מנין בעת דעם לערנען און בפרט בעת תפילה־בציבור. כדי די פאַרמאַטערטע מענטשן זאָלן נישט פאַרשלאָפן האָט יעדן פאַרטאָג דער שמש פון יעדן מנין געשטעלט זיך אויפן הויף וואו זיינע בעלי־בתים האָבן געוואוינט און גערופן הויך יעדן ביים נאָמען, כדי אים אויפצואוועקן פון שלאָף. איין שמש פון איין מנין איז אַרויס פון הויף און אַ צווייטער פון אַ צווייטן מנין איז אַריין און ווידער גערופן בקול רם די נעמען פון זיינע בעלי־בתים. יאָ גערן, נישט גערן, האָט זיך יעדער ייד אויפגעכאַפּט פון שלאָף און איז געגאַנגען אין מנין. קיינער האָט זיך דאָך נישט געוואָלט קאָמפּראָמיטירן אין די אויגן פון די שכנים, פון זיינע מנין־לייט. קיינער האָט דאָך נישט געוואָלט גילטן פאַר אַ קל, פאַר אַ נישט־פרומען.

און ענג איז געווען, און שמוציק איז געווען, און שרעקלעך דומפּיק איז געווען אין די ייִדישע גאַסן. עס איז דאָך דעמאָלט נאָך נישט געווען קיין קאַנאַליזאַציע און וואַסער־לייטונג. עס איז אפילו קיין ברוק אויף די הייף נישט געווען. די בלאָטעס זענען געווען שרעקלעך גרויס און טיף, אַזוי אַז אפילו זומער זענען זיי נישט אין גאַנצן אויסגעטריקנט געוואָרן. ווינטער און אין אַ רעגן־וועטער איז מען שיר נישט דערטרונקען געוואָרן און מען האָט געמוזט לייגן קלעצער און ברעטער אויף די הייף כדי מען זאָל קענען אַריבערגיין פון איין אָרט אויפן אַנדערן. מען קאָן זיך דעריבער פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ לופט דאָרט איז געווען, וואָס פאַר אַ ריחות עס האָבן זיך דאָרט געפילט.

זומערצייט אָוונט און נאָך מער שבת ,ווען אויך די סוחרטעס זענען געווען פריי, זענען זיך אויף די קלעצער וואָס זענען געווען אויסגעלייגט אויפן הויף געזעסן פרויען און מיידלעך מיט קינדער, זוכנדיק אַ רעטונג פון דער שטיקעניש וואָס האָט געהערשט אין שטוב. ווען־נישט־ווען האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט אַ מאַנצביל, אַ בעל־מלאכה, אַ געזעל, אָדער אַ לערניונג פון אַ בעל־מלאכה, אַ משרת פון אַ געוועלב. נאָר דאָ איז אָבער אַרויסגעטראָטן דער שמש וועלכער האָט די מאַנסלייט פאַריאָגט אין שיל, בית־מדרש, אָדער מנין.

דער שמש פון קהל און בית־דין האָט בכלל צוריקבאַקומען זיין מאַכט. ער האָט ווידער באַזוכט די ייִדישע וואוינונגען און געמאַכט אָרדענונג מיט די בעטן און מיט מילכיק און פליישיק געפעס, מיטן שטעלן טשאָלענטער פריטיק צו דער צייט, מיטן אויפהערן האַנדלען און אַרבעטן פרייטיק, כדי מען זאָל, חלילה, צו קיין חלול שבת נישט קומען, און זומערצייט ביי די קלעצער — עס זאָלן חס ושלום נישט זיצן מאַנצבילן מיט פרויען צוזאַמען. און דעם שמש האָט מען זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט. מען האָט מורא געהאַט פאַר קהל, וועלכער האָט געהאַט די מאַכט פון איינטיילן די שטייערן וואָס ייִדן האָבן געצאָלט. מען האָט געציטערט פאַר איינשרייבן אין פנקס פון חברה קדישא. מען האָט זיך אויך נישט געוואָלט קאָמפּראָמיטירן אין מנין, וועלכער האָט געקאָנט אויפהערן צו געבן עליות און אַנדערע כבודים.

דאָס לעבן האָט אָבער געטון דאָס זייניקע. ענג, שרעקלעך דומפּיק און שטיקנדיק איז געווען די לופט אין דער ייִדישער גאַס און נישט איין מאָל האָט אַ ווינטעלע געווייעט פון גאָר נישט ווייט און געבראַכט אויף אַ רגע אַ שמעקנדיקן ריח פון וואַלד, גראָז, בלומען. אַ מחיה! און בשבתים און ימים טובים זומערצייט, ווען די טעג זענען גרעסער און דער עולם איז פריי פון באַשעפטיקונג, פון אַרבעט, האָט מען זיך נישט געקאָנט באַהערשן און מען האָט זיך אויף דער גאַס אַרויסגעכאַפּט. מען האָט פאַרגעסן אָן תהילים, פּרק, משניות, עין־יעקב, דרשות און אויך אָן די חרפּות, וואָס עס וועט אויסקומען צו ליידן, און ווי מיט אַ מאַגנעט איז מען געשלעפּט געוואָרן דאָרט אַהין פון וואַנען דאָס שמעקנדיקע לופטל איז אויף אַ ווייל אָנגעקומען. און ווייט האָט מען נישט געדאַרפט גיין. דאָרט, הינטערן מוראַנאָוו, האָט זיך ווייט, געצויגן דער „פּלאַץ בראַני", וואָס איז געווען באַדעקט מיט גראָז און בלומען. דאָרט איז אויך געווען אַ וועלדל וואו מען האָט זיך געקאָנט שיצן פון די ברענענדיקע זונשטראַלן. רעכטס, דאָרט וואו עס גייט די ליניע פון דער קאָוולער אייזנבאַן, האָט זיך אויך געפונען אַ קוואַל וואָס זיין וואַסער האָט געהאַט אַ טעם גן־עדן. נישט ווייט פון דאָרט זענען געווען גערטנער וואו עס זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע פאַרווייַלונגען און עס זענען פאַרקויפט געוואָרן פאַרשידענע געטראַנקען.

עס האָבן זיך אַלזאָ אַהין אַרויסגעכאַפּט משרתים, געזעלן פון בעל־מלאכות, פאַרשידענע „מופקרים", דינסטמיידלעך, בעלי־

מלאכהטעס אד"גל. און אז מען איז ארויסגעקומען אויף דער פריי, האט זיך שוין צוגעטשעפעט א בחור צו א מיידל און מען איז געגאנגען צוזאמען, שפאצירט צוזאמען, געטראגן טאשנטיכלעך און אנדערע זאכן.

די שמשים זענען דאן ארויסגעטרעטן זייער ענערגיש קעגן דער „הפקרות". זיי זענען זייער אפט באפאלן די שפאצירנדיקע און זיי אויפן ארט מקיים פסק געווען: געשלאגן, געקיילט־געביילט, און די וואס זיי האבן געקאנט האבן זיי געשראקן מיט „איינשרייבן אין פנקס". זיי וועלן דאך א מאל מוזן אנקומען צו קהל — וועט קהל געדענקען.

„חברה" האט זיך אבער אן עצה געגעבן. זיי האבן נישט שפאצירט אויפן פלאץ, אין וועלדל, נאר זיי האבן זיך געוויילט אין די גערטנער וועלכע האבן געהערט צו קריסטן, און ווייל זיי זענען געווען הינטער דער שטאט, זענען זיי נאר זונטיק און אין קריסטלעכע חגאות באזוכט געווארן פון קריסטן, און שבתים און יידישע ימים־טובים זענען זיי געווען כמעט ליידיק (13).

דארט האבן שוין די שמשים קיין שליטה נישט געהאט. צו קריסטן אין די גערטנער האבן זיי שוין נישט געקענט קומען, און די „מופקרים" האבן דארט טאקע געטון וואס זיי האבן זיך געוואלט, געטאנצט בחורים מיט מיידלעך, געטרונקען און באצאלט אום שבת און יום־טוב.

עס האט זיך אבער קעגן דעם אויך געפונען אן עצה. יידן האבן קעגן אזעלכע זאכן תמיד זיך געקאנט העלפן. וואו עס האט זיך געהאנדלט וועגן קאמף קעגן הפקרות האבן יידן נישט געקארגט קיין געלט ,און זיי האבן דאס זייעריקע אויסגעפירט.

דעם 3טן אויגוסט 1827 האט דער ווארשעווער רב ר' שלמה זלמן ליפשיץ (בעל „חמדות שלמה") זיך געווענדט צו דער מוניציפאליטעט־מאכט מיט א ביטע אין וועלכער ער שרייבט אז די לעצטע צייט האט די יידישע יוגנט אנגעהויבן זיך דערלויבן שבתים און ימים־טובים צו פארברענגען די צייט מיט פוסטע זאכן,, ווי טענץ און אנדערע פארוויילונגען אין גערטנער און שענקהייזער, אנשטאט וואס לויט די דינים פון יידישן דת איז יעדער ייד מחויב צו זיצן אין שיל, לערנען און דאווענען, און היות ווער עס פירט זיך נישט אויף לויט זיין גלויבן און ווער עס פארנעמט זיך מיט אומווערדיקע זאכן קאן קיין גוטער און געטרייער בירגער נישט זיין, בעט ער די מוניציפאליטעט־מאכט, זי זאל אננעמען מיטלען דאס צו שטערן. ער, דער רב, פון זיין זייט איז גרייט ארויסצושיקן שמשים וועלכע זאלן נישט דערלאזן קיין פריצות און הפקרות צווישן יידן. ער בעט אבער אז די מוניציפאליטעט־מאכט זאל געבן מיליציאנטן צו הילף די שמשים.

דעם 8טן אויגוסט איז ארויסגעשיקט געווארן דעם רב אן ענטפער אז די מוניציפאליטעט־מאכט איז גרייט צו דערפילן דעם רבס בקשה און עס ווערט ארויסגעגעבן א באפעל דער מיליציע, זי זאל געבן הילף די שמשים וואס וועלן האבן א באפולמעכטיקונג פון רב. (14).

פון דעמאלט אן האבן די שמשים באקומען א קראפט ווי אן אמתע מאכט און יעדן שבת און יום־טוב האבן זיי אין דער באגלייטונג פון מיליציאנטן געמאכט אבלאוועס אין די גערטנער אויף דער יידישער יוגנט. שלאגנדיק מכות־רצח די יידישע יינגלעך וואס זיי האבן דארט געטראפן.

---

13) קריסטן האבן זיך ניט ארויסגעצויגן אפילו פון זייערע אייגענע הייזער וואס האבן זיך געפונען אויף די גאסן וואס זיינען אנגעוויזן געווארן פאר יידן, ווייל זיי האבן נישט געוואלט און אפשר אויך נישט געקאנט, וואוינען צווישן דער ענג־געפאקטער מאסע יידן וועלכע האבן זיך געהאט זייערע באזונדערע אייגנארטיקע מנהגים. נאך אין יאר 1810 האט דער אינערן־מיניסטער פון ווארשעווער הערצאגטום געשריבן אין זיין ראפארט צום קעניג אז צוליב דעם וואס מען דערלויבט נישט יידן צו קויפן געמויערטע הייזער אויך אין די גאסן וואס זיינען אנגעוויזן געווארן פאר יידן, שטייען דארט פיל הייזער ליידיק, ווייל קריסטן ווילן נישט וואוינען אין די גאסן ווו פיל מענטשן פון אלטן גלויבן זיינען פארזאמלט". דעם 25טן אפריל 1812 האט דער אינערן־מיניסטער געשריבן צום מיניסטארן־ראט: „דער לעבנסארט פון יידן צווינגט נישט איין מאל קריסטן צו פארלאזן זייערע הייזער וואס געפינען זיך צווישן יידישע וואוינונגען" (אקטן פון קויפן נחלאות דורך יידן, ערשטער באנד, ארכיוו אלטע אקטן אין ווארשע).

14) געצייכנט לויט דער מינדלעכער שילדערונג פון דעם געוועזענעם סעקרעטאר פון „דאזאר בוזשניטשי" אין ווארשע, יעקב ראטוואנד, וועלכער איז געשטארבן בערך 1910 אין עלטער פון עטלעכע און ניינציק יאר, און האט גוט געדענקט אלע פאסירונגען פון יענע צייטן. פארגלייך: ה. נוסבוים, שקיצע היסטארישנע זשיטשא זשידוו וו ווארשאוויע, ווארשע 1881, ז' 60—66.

די יידישע יוגנט האט זיך אלזא געמוזט „בארואיקן", זי האט זיך נישט געקאנט ארויסרירן פון דער יידישער גאס, און שבתים און ימים־טובים האט זי געמוזט פארברענגען אין די מינינים.

דער שמש האט דאן געהערשט איבער די יידן נישט נאר אין די יידישע הייזער און הייף, נאר שוין אויך אין די קריסטלעכע גערטנער און שענקהייזער אויסערהאלב דער שטאט, און פון אונטער זיין שליטה האט מען זיך נישט געקאנט ארויסבאקומען.

## ג.

דער פוילישער אויפשטאנד שטערט דעם שמש אין זיין טעטיקייט. — די „הפקרות" וואקסט און מען קאן נישט העלפן. — די „פאלקסגווארדיע" און די יידישע אפטיילונג. — די העזה פון די יידישע גווארדיעליים. — די ווילד־משונהדיקע „איין־און־דרייסיקער". — „די בעסטע פון די יידן". — די מעשים פון די תקיפים. — דער מאסקאראד פון יידישע ווייבלעך. — ווידער „פלאץ בראני". — גענעראל־פאליצמייסטער פון דער טעטיקער ארמיי אנשטאט דער מוניציפאליטעט־מאכט. — מען טאנצט, מען ווילט זיך און דער שמש קאן דערצו גארנישט טאן. — וואס דער רב האט נישט געקאנט האט קהל געמאכט. — על פי דיני הקאדעקס טאר מען נישט טאנצן. — א באפעל אז פאליציי זאל העלפן די שמשים באקעמפן די „הפקרות". — די שליטה פון די שמשים לעבט אויף.

נישט לאנג האט אבער געדויערט די געוועלטיקונג פון שמש. איבערגעריסן האט זי דאס מאל דער פוילישער אויפשטאנד וועלכער האט זיך אנגעהויבן דעם 29טן נאוועמבער 1830 און זיך געענדיקט דעם 8טן סעפטעמבער 1831. בעת די אומרוען אין שטאט איז אוממעגלעך געווען די שמשים צו דערפילן די פליכט פון זייער אמט, און טענץ מיט פארוויילונגען האבן אן דעם אויך נישט געקאנט פארקומען.

און אויך דערנאך, ווען עס איז אין שטאט רואיק געווארן, האבן זיך די שמשים געמוזט פארהאלטן רואיק, כאטש „ארבעט" איז געווען זייער פיל, פיל מער ווי פריער.

די „הפקרות" איז געוואקסן און טון דערצו האט מען נארנישט געקאנט. בעת דעם אויפשטאנד איז געגרינדעט געווארן אין ווארשע א „פאלקסגווארדיע", וועלכע האט געהאט דעם צוועק אפצוהיטן די ארדענונג אין שטאט און אויך בייהילפיק זיין דעם פוילישן מיליטער. ביי דער דאזיקער גווארדיע איז געגרינדעט געווארן א יידישע אפטיילונג וועלכע איז באשטאנען מייסטנס פון משרתים אין די געוועלבער, בעלי־מלאכות אד"גל. די אלע האבן זיך אפגעשוירן בערד און פאות און זיך געקליידט מיליטעריש. דינענדיק אין דער גווארדיע האבן זיי אנגענומען חעזה, זיך צוגעוואוינט צו קוקן פון דער חייך מיט חוצפה אויף אלע אנדערע איינגעהויקערטע, נעבויגענע יידן. אפילו קהל (דעמאלט „דאזאר בוזשניטשי") און בית־דין האבן זיי נישט געאכט. ווען דער אויפשטאנד האט זיך געענדיקט האבן זיי זיך שוין מער נישט געלאזט וואקסן די בערד און פאות און נישט געקליידט זיך יידיש. תקיפים זענען זיי געווארן.

די דאזיקע יידן, וואס האבן אויף דער יידישער גאס אויסגעזען אזוי ווילד משונהדיק האט מען גערופן „די איין־און־דרייסיקער", און דער דאזיקער נאמען איז געווען ווי א תירוץ אויף דעם פאר וואס מען דערלויבט עפעס אזוי אזעלכע ברואים פראנק און פריי זיך ארומדרייען צווישן יידן.

און די „איין־און־דרייסיקער" האבן זיך געפילט שטארק, תקיפים זענען זיי ביי זיך געווען. די פוילישע געזעלשאפט האט זיי באטראכט אלס די בעסטע פון יידן און האט מיט זיי גיכער געשעפטן געמאכט ווי מיט אנדערע יידן, און אויך די מאכט האט זיי מער געאכט. פארט עפעס מענטשן וואס האבן געהאלטן געווער אין דער האנט און זענען „מענטשלעך" געקליידט. און זיי האבן זיך דערלויבט דאס וואס אנדערע יידן האבן זיך בשום אופן נישט געקאנט דערלויבן (15). שבת און יום־טוב זענען זיי זיך ארום אין די קריסטלעכע גאסן און דארט פארבראכט די צייט אין גערטנער און שענקן. זייערע פרויען, וועלכע האבן געהאט געשווירענע קעפ און געטראגן בינדעס אדער הויבן מיט סטענגעס — ווי אלע יידישע ווייבלעך אין יענע צייטן — האבן זיך זעלבסטפארשטענדלעך נישט געקאנט ווייזן דארט וואו זייערע מענער זענען געווען. זיי האבן אבער אויך דערצו געפונען אן עצה. זיי האבן אין געהיים ארויסגעשיקט זייערע דינסטן מיט א פעקל מלבושים אין א געוויס הויז אויף איינער פון די קריסטלעכע גאסן. די פרויען זענען נאכגעגאנ־

---

15) אקטן פון ווארשעווער מאגיסטראט 1039, הויפטארכיוו.

גען, און דאָרט, אין טויער, האָבן זיי זיך איבערגעקליידט „קריסטלעך" און אויפן קאָפּ האָבן זיי אָנגעטון אַ שיטל מיט אַ הוט, און אַזוי זענען זיי געגאַנגען מיט זייערע מענער צוזאַמען. די דינסט האָט די יידישע מלבושים אַהיים געטראָגן און אויף דער נאַכט האָבן זיי שוין געוואַרט אויף דעם באַשטימטן אָרט און די ווייבער האָבן צוריק אָנגעטון די יידישע מלבושים און זענען געגאַנגען אַהיים (16).

דער ביישפּיל פון די „איין־און־דרייסיקער" האָט געווירקט אויף אַנדערע. זיי האָבן נישט געקאָנט נאָכטון די „איין־און־דרייסיקער". זיי האָבן נישט געהאַט די העזה זיך פּורש צו זיין פון כלל ישראל און קליידן זיך „דייטש", שערן די בערד און פּאות. עס איז זיי אוממעגלעך געווען דאָס צו טון, ווייל זיי וואָלטן געווען ווי אין חרם, און וואָלטן נישט געקאָנט עקסיסטירן (די „איין־און־דרייסיקער" האָבן געלעבט, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, בלויז פון קריסטן) און דורך דעם האָבן זיי זיך נישט געקאָנט ווייזן אין די גערטנער און פּאַרוויילונגס־ערטער וואָס זענען געווען אין די קריסטלעכע גאַסן (מען וואָלט זיי דאָרט נישט אַריינגעלאָזט). דערפאַר האָבן זיי ווידער שפּאַצירט אויף „פּלאַץ בראָני", אין וועלדל, און פאַרבראַכט אין גערטנער און שענקען וואָס זענען דאָרט געווען, די פריערדיקע מוניציפּאַליטעט־מאַכט און די מיליציע, וועלכע פלעגט געבן הילף די שמשים ביים באַקעמפן די „הפקרות", האָבן נישט עקסיסטירט און זייער שליטה איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם גענעראַל־פּאָליצמייסטער פון דער טעטיקער אַרמיי און דער פּאָליציי וואָס איז געשטאַנען צו זיין באַפעל. צו דעם דאָזיקן גענעראַל־פּאָליצמייסטער האָט זיך שוין דער רב נישט געקאָנט ווענדן. דאָס פאַרלאַנגען עפּעס אַ ממשלה פאַר זיך וואָלט געווען פאַרן רב אַ סכנה.

און די „הפקרות" איז ביני־לביני נאָך מער געוואַקסן. עס איז געקומען דערצו אַז נישט נאָר זומערצייט, נאָר אויך האַרבסט און ווינטער האָט זיך די יידישע יוגנט געוויילט. עס האָבן זיך געפונען אויך אין די יידישע גאַסן שענקהייזער און סתם שטיבער וואו די יוגנט האָט זיך פאַרזאַמלט שבת און יום־טוב, געטאַנצט און זיך געוויילט. און די שמשים האָבן גאָר נישט געקאָנט קעגנווירקן. ביי דער נייער אָרדענונג האָבן זיי מורא געהאַט פאַר דער פּאָליציי.

נאָר דאָס וואָס דער רב האָט נישט געקאָנט אויפטון, איז געמאַכט געוואָרן דורך קהל אָדער "דאָזאָר־בוזשניטשי".

דעם 14טן נאָוועמבער 1833 (מיטן נומער 677) האָט זיך דער דאָזאָר געווענדט צום גענעראַל־פּאָליצמייסטער מיט אַ ביטע, אין וועלכער ער האָט געשריבן אַז דער רב האָט אים מודיע געווען דאָס אין וואַרשע זענען פאַראַן ערטער וואו די יידישע יוגנט פאַרזאַמלט זיך שבת און יום־טוב, „פאַרברענגט די צייט מיט טענץ און פאַרוויילונגען, ווי אויך מיט אַנדערע אויסגעלאַסענע זאַכן" וועלכע זענען פאַרווערט לויט די יידיש־רעליגיעזע דינים, און דער רב בעט דעם דאָזאָר, ער זאָל זיך משתדל זיין, „עס זאָל אָנגענומען ווערן מיטלען קעגן דער אַנטי־רעליגיעזער אויסגעלאַסנקייט".

און דער דאָזאָר דערווייזט אין זיין ביטע אַז על פּי הקאָדעקס דאַרפן טאַקע אָנגענומען ווערן אַזעלכע מיטלען.

„כאָטש — שרייבט ער — אין די דינים פון ציוויל־געזעץ געפינט זיך גאָרנישט וועגן דעם אַז מען זאָל מעגן זיך אַריינמישן און השגחה האָבן אויף דעם הויזלעכן רעליגיעזן לעבן פון פּריוואַטן איינוואוינער, פון דעסט וועגן שרייבן פאָר די אַרטיקלען 77 און 78 פון דעם פּוילישן שטראָפקאָדעקס אַז קיינער טאָר נישט געבן קיין גרונד צו רעליגיעזער ערגערניש, און טענץ, פאַרוויילונגען און אויסגעלאַסנקייט אין עפנטלעכע הייזער, פאַרזאַמלען זיך אין שבתים און יומים־טובים, איז פאַרווערט לויט דער יידישער רעליגיע, און דאָס איז אַ בפירושע רעליגיעזע ערגערניש". דעריבער בעט דער דאָזאָר דעם גענעראַל, ער זאָל דערלויבן אַז די שמשים מיט דער הילף פון די צירקל־אויפזעערס (רעווירצוועס) זאָלן האָבן השגחה אַז להבא זאָל אַזעלכעס מער נישט פאָרקומען, און דער יידישער יוגנט וואָס וועט זיך יאָ פאַרזאַמלען אויף טענץ און פאַרוויילונגען זאָלן זיי הייסן זיך פונאַנדערגיין. די, ווידער, וואָס וועלן נישט פאָלגן דעם באַפעל פון די שמשים, זאָלן זיי (די שמשים) באַפּאָלמעכטיקט זיין צוצושטעלן אין דער נאָענטסטער קאַנצעלאַריע פון פּאָליציי־קאָמיסאַר".

דעם 28טן נאָוועמבער 1833 (מיטן נומער 60.347) האָט דער גענעראַל־פּאָליצמייסטער מודיע געווען דעם דאָזאָר אַז ער איז איינשטימיק מיט זיין מיינונג און אַז ער האָט שוין אַרויסגעשיקט אַ געהעריקן באַפעל צו די צירקל־קאָמיסאַרן פון דער אויספירונגס־פּאָליציי (17).

אַזוי אַרום האָבן די שמשים צוריק באַקומען זייער שליטה און ווידער גענומען הערשן.

ד.

די שמשים באַלעבאַטעווען ווידער. — רעוויזיעס, „אָרדענונג" מאַכן און אַבלאַוועס. — די שמשים שטראָפן מיטן כוח פון דער פּאָליציי. — אַן אָנקלאַגע צום זשאַנדאַרמעריע־פּולקאָווניק. — די שמשים מעגן נאָר כאַפּן, אָבער נישט שטראָפן. — די „הפקרים" און זייערע ליידן. — אַ ציג אין אַ הויב מיט סטענגעס. — דער עונש פון שטיפעריי. — חרפּות, בושות, קלעפּ, שמיץ און אַרעסט. — זאָל זיין קלעפּ פון שקצים און באַוואָרפן ווערן מיט שטיינער, אַבי זיך געוויילט. — „סאַסקע קעמפּע". — אַ מיטל קעגן די שמשים. — קהל קעגן דער שרעקלעכער אויסגעלאַסנקייט אויף „סאַסקע קעמפּע". — אויך דאָרט איז די פּאָליציי בייהילפיק די שמשים. — אַן אַנדער מין יידן. — עמי־הארצים אַן טראַדיציעס. — פאַר „קרובים למלכות" האָט מען דרך־ארץ. — אמתע פאַרברעכערס קעגן יידישן דת זיינען ראשי הקהל. — 1.200 רובל יערלעך אויף „רעליגיעזן סטראַזש" — דער המון טאָר נישט דאָס וואָס זיי מעגן. — דער רב ר' שלמה זלמן ליפשיץ און זיין גרויסע הכנעה פאַר הערמאַן עפּשטיין. — דברי כבושין פאַר דעם „איידעלן, פיינעם, פילמעכטיקן הער".

ווידער האָבן די שמשים אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען אויף דער יידישער גאַס. ווידער האָבן זיי געמאַכט רעוויזיעס און „אָרדענונג" אין די יידישע שטיבער. זיי האָבן זיך שוין נישט באַנוגנט מיט די אַבלאַוועס אויף די שענקהייזער און שטיבער וואו עס האָבן געזאָלט פאָרקומען טענץ און פאַרוויילונגען, ווי אויך אויף דעם „פּלאַץ בראָני". זיי זענען אויך באַפאַלן און האָבן געשלאָגן מכות־רצח יעדן אויף וועמען זיי האָבן געהאַט אַ פאַרדאַכט און אים אָנגעטראָפן שבת אָדער יום־טוב גיין אין דער ריכטונג אויסערהאַלב דער שטאָט. דאָס לעבן אויף דער יידישער גאַס איז געוואָרן שרעקלעך געדריקט. די שמשים האָבן אויף זייער אַרט „באַשטראָפט" נישט נאָר פאַר „הפקרות" אָדער „אויסגעלאַסנקייט", נאָר אויך פאַר יעדן מין שטיפעריי פון אַ יינגל, אָדער אַ דערוואַקסענעם. אומעטום זענען זיי געווען פול, אומעטום האָבן זיי געהאַט זייערע אויגן און אויך זייערע הענט. און אומעטום זענען זיי געווען מיט זייער מאַכט. די פּאָליציי האָט דאָך מיט זיי מיטגעהאַלטן, זיי מיטגעהאָלפן. מער האָט מען דאָך נישט באַדאַרפט ווי דעם באַפעל פון גענעראַל־פּאָליצמייסטער אַז פּאָליציי דאַרף די שמשים בייהילפיק זיין אין געוויסע פאַלן, כדי קהל זאָל אויספועלן, דורך באַוואוסטע מיטלען, אַז שטענדיק זאָל די פּאָליציי מיטהעלפן.

ווען עס איז שוין צו שווער געווען איבערצוטראָגן די אויפפירונג פון די שמשים, האָבן זיך עפּעס יידן געווענדט מיט אַן אָנקלאַגע, אַן אַנאָנימער, צום פּאָלקאָווניק פון זשאַנדאַרמען־קאָרפּוס, וועלכער האָט דעמאָלט פאַרטרעטן די שטעלע פון וויצעפּרעזידענט פון דער שטאָט וואַרשע, און זיך פאַר אים באַקלאָגט אויף די שרעקלעכע גוואַלדטאַטן פון די שמשים.

דער פּאָלקאָווניק האָט די זאַך אויסגעפאָרשט און דעם 3טן אויגוסט 1837 האָט ער צוגעשיקט צום „דאָזאָר בוזשניטשי" אַ באַפעל (מיטן נומער 43.148) אַז נישט די שמשים און נישט דער רב טאָרן מאַכן פּסקים. די שמשים מעגן נאָר פאַרהאַלטן די וואָס זיי כאַפּן ביי טענץ ווי אויך ביי אַנדערע פאַרוויילונגען, וואָס זענען לויט דער יידישער רעליגיע פאַרבאָטן, און זיי צושטעלן צו די פּאָליציי־קאָמיסאַרן, די לעצטע ווידער זענען מחויב צוצושטעלן די פאַרהאַלטענע צו דער דעציזיע פון דער מוניציפּאַליטעט־מאַכט, וועלכע וועט באַשטראָפן יעדן לויט די פאָרשריפטן (18).

דער דאָזיקער באַפעל האָט אויף אַזוי פיל געהאָלפן אַז די שמשים האָבן עפנטלעך, אויף דער גאַס, קיינעם נישט געשלאָגן. זיי האָבן אָבער ווייטער געמאַכט אַבלאַוועס מיט דער הילף פון פּאָליציי, אָפּגעפירט די „מופקרים" צום פּאָליציי־אַמט און אין וואָכנטעג צוגעשטעלט צום דאָזאָר וועלכער האָט די פאַרהאַלטענע אָפּגעשיקט גלייך צום וויצעפּרעזידענט. די חרפּות און בושות וואָס די „מופקרים" האָבן געליטן, און די קלעפּ וואָס זיי האָבן באַקומען אויפן וועג ווי אויך אין צירקל אָדער אין מוניציפּאַליטעט־אַמט, אַחוץ די שטראָפן וואָס זיי האָבן דערנאָך באַקומען, זענען אָבער אויך נישט גענוג געווען צו באַזייטיקן די „הפקרות" צווישן יידן.

ווי ווייט די שמשים מיט קהל זענען געווען עמפּינדלעך אויף

16) פון די שילדערונגען פון יעקב ראַטוואַנד.

17) ה. נוסבוים, דאָרט ז' 61.
18) פּאָליציי־אַקטן, דאָרט.

יעדן אָרט שטיפעריי וואָס האָט קיין שום שייכות נישט געהאַט צו „אויסגעלאַסנקייט", קאָן באַווייזן דער דאָקומענט וואָס מיר גיבן דאָ איבער אין אַ ווערטלעכער איבערזעצונג:

נומער 363 וואַרשע, 8טער אויגוסט 1837
דאָזאָר בוזשניטשי
פון דער איזראַעליטישער געמיינדע
אין וואַרשע

ראַפּאָרט.
צום פּילמעכטיקן הער
וויצעפּרעזידענט
פון דער שטאָט וואַרשע.

איך האָב די ערע מודיע צו זיין אַז דער דערמיט אָפּגעשיקטער איצעק יונה קאַלעבקאַ האָט זיך דערלויבט צו טון אַ מעשה־רע וואָס גייט איבער די גרענעץ פון אָנשטענדיקייט: ער האָט אָנגעטאָן אַ הויב מיט סטענגעס אַ ציג, און אַזוי האָט ער זי געפירט איבער דער גאַס. ווייל דער דאָזיקער טאַט זיינער האָט געקאָנט אַרויסרופן אַן אוואַנטורע האָט דער „דאָזאָר בוזשניטשי" אים פאַרהאַלטן און שיקט אים אָפּ צו דער דעציזיע פון פּילמעכטיקן הער.
מיטגליד פון דאָזאָר

(די אונטערשריפט איז אומלייענבאַר) (19).

ווי אַלט דער דאָזיקער „שווערער פאַרברעכער" איז געווען און וואָס פאַר אַ שטראָף ער האָט באַקומען האָבן מיר אין די אַקטן נישט געפונען. וואַרשיינלעך איז ער געווען גאָר אַ יונג יינגל, אַ שטיפער, און זיין שטראָף איז געווען ווי די שטראָף פון אַנדערע „פאַרברעכערס" וועמען די שמשים האָבן געכאַפּט און צוגעשטעלט דער פּאָליציי: פון צוואַנציק ביז הונדערט שמיץ און עטלעכע טעג אַרעסט.

אויף אַזאַ אופן איז אין אמתן געלונגען דעם בית־דין און קהל איינצושטילן די „אויסגעלאַסנקייט" און די זינד קעגן דער „אָנשטענדיקייט" אין דער יידישער גאַס. די אימה פאַרן שמש איז געפאַלן אויף גרויס און קליין, אויף יונג און אַלט, און קיינער האָט זיך נישט געוואַגט צו טון עפּעס אַ זאַך וואָס קאָן אַ מאָל דעם שמש נישט געפעלן ווערן.

דאָס לעבן האָט אָבער פאָרט געטון דאָס זייניקע. שטאַרקער איז דאָס לעבן פון אַלע שמשים, און אויך פון דער אימה פאַר חרפּות און בושות, פאַר קלעפּ, שמיץ און אַרעסט. די יוגנט וואָס האָט זיך נישט געקאָנט פאַרזאַמלען אויף פאַרוויילונגען אין וואַרשע, אויף „פּלאַץ בראָני", אין די גערטנער, האָט זיך געפונען אַן אַנדער אָרט וואוהין דעם שמשס ממשלה האָט שוין נישט דערגרייכט. אויף „סאַסקע קעמפּע" איז מען געגאַנגען און דאָרט זיך געוויילט. דאָס איז, אמת, טאַקע געווען נישט באַקוועם, ווייט איז געווען, דער וועג אַ שלעכטער, אַ בלאָטיקער, און גייענדיק איז מען נישט איין מאָל באַוואָרפן געוואָרן מיט שטיינער און באַקומען קלעפּ פון גרעסערע און קלענערע שקצים. מען האָט זיך אָבער דאָך אַ מאָל געמוזט אַרויסרייסן פון דער ענגשאַפט, פון דער שטיקעניש, פון די אומאָנגענעמע ריחות, פון דער שרעקלעכער מוראַ שחורהדיקער אַטמאָספערע. עס האָט געצויגן, געשלעפּט, צו אַ פרישער, ריינער לופט, צו עפּעס אַ פרייערער באַוועגונג, צו אַ ווײַלע אויפגעהייטערטקייט, אַ פרייילעכערער רגע. און אַ מעלה האָט די „סאַסקע קעמפּע" געהאַט גאָר אַ גרויסע: זי האָט נישט אָנגעהערט אָפּיציעל צו וואַרשע, נאָר צום וואַרשעווער קרייז און די פּאָליציי האָט דאָרט נישט געגעבן די שמשים קיין הילף. פאַרקערט, פאַר עטלעכע מטבעות, אַ פּאָר גלעזלעך בראָנפן אָדער ביר וואָס די פּאָליציאַנטן האָבן באַקומען פון די „אויסגעלאַסענע", האָבן זיי, זיי נאָך געשיצט פאַר די שמשים און זיי נישט צוגעלאָזט צו די פאַרוויילונגסערטער.

און אַזוי האָט זיך די יידישע יוגנט פאַרזאַמלט יעדן שבת און יום־טוב אויף „סאַסקע קעמפּע", פאַרבראַכט דאָרט די צייט מיט טענץ און אַנדערע פאַרוויילונגען, און די שמשים האָבן גאָר נישט געקאָנט העלפן.

נישט לאַנג האָט דאָס אָבער געדויערט. דאָס בית־דין מיט קהל האָבן אויך אויף „סאַסקע קעמפּע" געוואָרפן זייער אויג. די וועלט איז אין ערגעץ נישט הפקר.

דעם 4טן יוני 1839 האָט דער וואַרשעווער „דאָזאָר בוזשניטשי" זיך געווענדט צום קאָמיסאַר פון וואַרשעווער קרייז מיט אַ ביטע אַז כדי נישט צו דערלאָזן צו דער „שרעקלעכער אויסגעלאַסנקייט", צו וועלכער די יידישע יוגנט גיט זיך אָפּ שבתים און יום־טובים אויף „סאַסקע קעמפּע", פאַרברענגענדיק דאָרט די צייט מיט טענץ און אַנדערע פאַרוויילונגען, ווייל אין וואַרשע איז די פּאָליציי מחויב בייהילפיק צו זיין די שמשים ביים פונאַנדערטרייבן און כאַפּן די אויסגעלאַסענע, זאָל אויך ער, דער קרייז־קאָמיסאַר, אַרויסגעבן אַ באַפעל אַז די פּאָליציי פון „סאַסקע קעמפּע" זאָל צו הילף קומען די שמשים ווען זיי וועלן קומען „שטערן די אויסגעלאַסענע פאַרוויילונגען".

און דער קרייז־קאָמיסאַר האָט דעם 10טן יוני אָפּגעענטפערט אַז ער האָט שוין אַזאַ באַפעל אַרויסגעגעבן (20).

אויף אַזאַ אופן איז די „סאַסקע קעמפּע" אויך פאַרמאַכט געוואָרן פאַר דער יידישער יוגנט און קיין ייד האָט זיך נישט געטאָרט אַרויסרייסן פון אונטער דער מאַכט פון שמש.

דאָס אַלץ איז אָבער געזאָגט געוואָרן נאָר קעגן יידן פון המון: בעלי־מלאכות, משרתים, הענדלערס, מעקלערס אד"גל. עס האָט זיך אָבער געפונען אין וואַרשע אַ מין יידן וואָס האָט נישט נאָר פאַרן שמש, נאָר אויך פאַרן בית־דין קיין שום מורא נישט געהאַט. פאַרקערט, דער רב אַליין מיט אַלע איבעריקע יידן האָבן פאַר זיי געציטערט, זיי גרויסן כבוד אָנגעטון, כאָטש זיי זענען געווען מחללי שבת בפרהסיה, האָבן געגעסן טרפות און ראַזירט די בערד, געשוירן די פּאות, געקליידט זיך גויאיש און בכלל זיך אויפגעפירט ווי גויים.

דאָס זענען געווען די זייער רייכע יידן, באַנקירן, ווי יעקב עפּשטיין מיט זיינע זין, חיים יונה (יוזעף), יאַנאַש, מאיר בערזאָן, מאַטיאַס ראָזען און פיל אַנדערע.

דאָס רוב פון זיי זענען געווען אויפגעקומענע גבירים וואָס האָבן געשטאַמט פון נידעריקן קלאַס מענטשן און, זייענדיק עמי־הארצים און נישט האָבנדיק קיין טראַדיציעס פון דער היים, איז זיי זייער לייכט געווען זיך פורש צו זיין פון כלל ישראל און צוליב געשעפט זיך קליידן אַנדערש ווי אַלע יידן, שערן די פּאות און ראַזירן די בערד. דערנאָך, ווען זיי זענען שטאַרק רייך געוואָרן, האָבן זיי זיך מתקרב געווען צו פּריצים, זענען געוואָרן קרובים למלכות, זיך אויפגעפירט ווי אמתע שררות, כאָטש נישט איינער פון זיי, ווי למשל עפּשטיין, בערזאָן און יאַנאַש, האָבן זיך נישט געקאָנט רעכט אונטערשרייבן. פאַר די אַלע האָט געציטערט די גאַנצע קהילה מיטן בית־דין צוזאַמען. עטלעכע פון זיי זענען געווען פאָרשטייערס פון קהל אָדער „דאָזאָר בוזשניטשי", און פון אַנדערע יידישע אַנשטאַלטן. יעקב עפּשטיין איז געווען איינער פון קהל און לאַנגיעריקער קוראַטאָר פון יידישן שפּיטאָל אָדער הקדש. חיים יונה יאַנאַש איז געווען יאָרן לאַנג מיטגליד, טייל מאָל אויך פּרעזעס פון „דאָזאָר בוזשניטשי". מאַטיאַס ראָזען (ער איז געווען אַ זון פון אַ יידישן באַנקיר און האָט געהאַט אַ געוויסע בילדונג) איז געווען פּרעזעס פון ראַט פון די יידישע שילן. דאָס גלייכן אַנדערע פון זיי זענען געווען גאַנצע דעה־זאָגערס אין דער קהילה.

דאָס אינטערעסאַנטסטע פון אַלעם איז אַז די פּראָגרעסיווע לייט האָבן זיך קיין מאָל נישט אַנטקעגנגעשטעלט דעם קאַמף וואָס קהל האָט געפירט קעגן דער „הפקרות" פון המון, נאָר פאַרקערט, זיי אַליין האָבן נאָך דערצו מיטגעווירקט.

עס ליגט פאַר אונדז אַ פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג פון „דאָזאָר בוזשניטשי" פון 23טן מיי 1842, אין וועלכן מיר לייענען אַז אויפן פאַרלאַנג פון רב (ר' חיים דאַווידזאָן) איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינצוטראָגן אין עטאַט פון דער קהילה אַ סומע פון 1200 רובל יערלעך (אַזאַ סומע איז אין יענע צייטן גערעכנט געוואָרן פאַר זייער אַ גרויסער, נעמענדיק אין אַכט אַז אַן אייבער־שמש האָט דעמאָלט גענומען אַ פּענסיע פון 5 רובל אַ חודש) צו אויפהאַלטן „די רעליגיעזע סטראַזש" (בית־דין־שמשים וואָס האָבן געפירט דעם קאַמף קעגן „הפקרות").

אונטערגעשריבן אונטער דעם דאָזיקן פּראָטאָקאָל זענען, צווישן אַנדערע: מאַטיאַס ראָזען — אַלס פּרעזעס פון „דאָזאָר", יוזעף (חיים יונה) יאַנאַש און יעקב טוגענדהאָלד — אַלס מיטגלידער פון „דאָזאָר".

ווי עס שיינט, האָבן די „פּראָגרעסיווע" לייט נישט געוואָלט אַז דער המון זאָל אויך ווערן „פּראָגרעסיוו" ווי זיי, כדי זיי זאָלן נישט אויפהערן צו זיין די „מיוחסים" פון דער קהילה.

19) אַקטן פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט, 1230.

20) פאַרשיידענע פאַראָרדענונגען, אַרכיוו פון וואַרשעווער גמינע.

ווי ווייט די דאָזיקע מיוחסים זענען געווען תקיפים און אַלע האָבן פאַר זיי געציטערט, באַווייזט דער דאָזיקער פאַקט:

איינער פון יעקב עפשטיינס זין, הערמאַן, (זיינע אַלע קינדער האָבן זיך שפּעטער געשמדט) איז געווען אַדמיניסטראַטאָר פון די שטייער־איינקונפטן אין וואַרשע און אין פּראָגע. אויף דער צאָל־קאַמער האָבן געאַרבעט עטלעכע יידן און זיי זענען געצוואונגען געווען צו אַרבעטן, ווי דער אַדמיניסטראַטאָר אַליין, אויך שבת און יום־טוב. דער רב, ר' שלמה זלמן ליפּשיץ, איז פון דער מעשה געוואויר געוואָרן, און עס האָט אים זייער געקרענקט.

דוכט זיך אַז דער רב האָט זיך באַדאַרפט ווענדן צום „דאָזאָר", ער זאָל דערלאַנגען דער שטאָטמאַכט אַ ביטע אַז עס זאָל פאַרווערט ווערן יידן מחלל שבת צו זיין בפרהסיה, כדי נישט אַרויסצורופן קיין „רעליגיעזע קרענקונג", ווי טאַקע דער רב מיטן „דאָזאָר" האָבן געטון אין ענין פון „הפקרות" — פון טאַנצן און אַנדערע פאַרווייַלונגען.

די דרייסטקייט קעגן הערמאַן עפּשטיין האָט אָבער דער גרויסער רב און באַרימטער גאון נישט געהאַט. כדי דאָך צו קעמפן קעגן חלול שבת האָט ער געשיקט צו הערמאַן עפּשטיין אַ פּוילישן בריוו וואָס איז פול מיט הכנעה און חניפה צו דעם „פילמעכטיקן הער". „אַ שמערצנדיקע ידיעה — שרייבט דער רב — איז צו מיר אָנגעקומען. מיין גאַנצע נשמה איז פול געוואָרן מיט פאַרביטערונג, געוואויר ווערנדיק אַז אויף דער צאָלקאַמער זענען באַשעפטיקט עטלעכע יידן אויך שבת און יום־טוב". „איר, פילמעכטיקער און גנעדיקער הער, וואָס זענט אַזוי באַוואוסט מיט אייער איידל האַרץ און מיט אייער פיינער נשמה, ווילט זיכער נישט מאַכן מענטשן אַזוי פיל קרענקונג", און דעריבער זאָל ער זיך מרחם זיין און באַפרייען די עטלעכע יידן פון דער אַרבעט אין די טעג וואָס יידן איז נישט דערלויבט צו אַרבעטן (21).

אַז ער, הערמאַן עפּשטיין אַליין, דאַרף אויך נישט אַרבעטן שבת און יום־טוב, האָט זיך דער רב שוין נישט איינגעשטעלט אפילו מרמז צו זיין. מיר געפינען אויך נישט אין גאַנצן גרויסן בריוו אפילו קיין זכר פון עפּעס דברי מוסר, ווי עס פּאַסט פאַר אַ רב, נאָר בלויז דברי כבושין: רחמנות זאָל ער האָבן דער איידעלער פיינער „פילמעכטיקער הער". מער נישט.

קיין אַנדערע דברים האָט דער וועלט־באַרימטער גאון נישט געהאַט פאַר אַ פּאַרשוין ווי הערמאַן עפּשטיין וואָס איז אין אמתן געווען אַ קרוב למלכות.

### ח.

אַ קאַמף קעגן השכלה־ספרים. — חסידים און מגלה טמירין. — טעמערל. — דריי גאָלדענע רענדלעך פאַר אַן עקזעמפּליאַר „מגלה טמירין". — בראַנפן מיט לעקעך און מוסר־ווערטער. — אַ סוחר אַ משכיל און זיינע השכלה־ספרים. — חסידים נעמען זיך אַ משומד צו הילף. — טשערסקער, דער איבער־זעצער און שפּיאָן. — אַ גזירה אויף ספרים וואָס ווערן אַריינגעפירט פון אויסלאַנד. — דער זיבעטער באַנד פון „כרם חמד". — זשאַנדאַרמען און פּאָליציי באַפאַלן חאַלבע נאַכט די וואוינונג פון משכיל און נעמען אים אין ציטאַדעל. — אַ פּירוש אויפן פּסוק „בשנת היובל" און די פראַנצויזישע רעוואָלוציע. — דער עונש פאַר פאַרשפּרייטן כפירה־ספרים. — דער קאַמף קעגן הפקרות מוז געלינדערט ווערן. — ראַבינערס מוסקרים. — אַ שלעכטער ביישפּיל.

אַ שווערער קאַמף איז אויך געפירט געוואָרן אין וואַרשע קעגן אַן אַנדערער מין „הפקרות", נעמלעך קעגן לייענען השכלה־ספרים.

צווישן די יידישע זקנים אין וואַרשע ווערן נאָך ביז היינט דערציילט מעשיות וועגן קאַמף וואָס חסידים האָבן געפירט קעגן דעם ספר „מגלה טמירין" וואָס איז אַ פּאַראָדיע אויף כלומרשטע בריוו פון רבים און חסידים. יעדער חסידישער פאָטער האָט זייער אָפט בודק געווען די ספרים פון זיינע קינדער, כדי צו זען אויב צווישן זיי געפינט זיך נישט דער „מגלה טמירין". זיי זענען אויך אַריינגעקומען אין די הייזער פון פּראָסטע יידן, וואָס האָבן זייערע קינדער געלאָזט לערנען תורה, און געוואָרנט, מען זאָל, חלילה, נישט אַריינלאָזן דעם טרייף־פּסול „מגלה טמירין", וואָרעם אויף דער שטוב וואו ער געפינט זיך מוז קומען אַן אומגליק.

און ווי איז געווען דעם יינגל אָדער דעם יונגן־מאַן ביי וועמען דער „מגלהט מירין" איז אַנטדעקט געוואָרן! אַז דער ספר איז צעריסן און פאַרברענט געוואָרן — דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. נאָר די וואָס האָבן אים געהאַלטן ביי זיך זענען פון זייערע עלטערן געשלאָגן און לאַנג גערודפט געוואָרן.

21) אַקטן פון רעליגיעזע פּראָנעס, דאַרט.



דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געהאָלפן אויסצוראָטן דעם „סם המות". אין וואַרשע זענען געווען מער מתנגדים ווי חסידים און זיי, די מתנגדים, האָבן גענומען דעם „מגלה טמירין" אונטער זייער שוץ.

חסידים האָבן געזוכט אַ מיטל און ענדלעך — ווי זיי האָבן געמיינט — געפונען.

אין וואַרשע האָט אין יענע צייטן (די צוואַנציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט) געלעבט די באַרימטע גרויסע עשירה און נדיבה טעמערל, די פרוי פון באַוואוסטן עושר און נדבן בערקאָ, פון וועמען עס שטאַמט די פאַמיליע בערגסאָן, וואָס איז געווען אַ גרויסע אָנהענגערין פון חסידות און רביים (אין אירע געשעפטן זענען געווען אָנגעשטעלט דער רבי ר' בונם פון פּשיסכע און דער רבי ר' מענדל קאָצקער). צו איר האָבן זיך די חסידים געווענדט און געבעטן, זי זאָל געפינען עפּעס אַן עצה אַ סוף צו מאַכן מיט דעם „טרייף־פּסול".

חסידים האָבן געמיינט אַז זי וועט מיט געלט קאָנען אויספּועלן ביי דער רעגירונג אַז דער ספר זאָל קאָנפיסקירט ווערן, און די ביי וועמען מען וועט אים געפינען זאָלן ווערן אַרעסטירט.

טעמערל האָט אָבער געוואוסט אַז ביי דער רעגירונג וועט זי אין דער הינזיכט אָנטרעפן אויף גרויסע שטערונגען מצד די עטלעכע געבילדעטע יידן וואָס זענען געווען קרובים למלכות און וואָס מיט זייערע מיינונגען האָט מען זיך גערעכנט.

זי האָט דעריבער אַן אַנדער עצה געגעבן:

זי האָט געהייסן אויפרופן אין אַלע שילן, בתי־מדרשים און מנינים אַז ווער עס וועט צו איר ברענגען אַ „מגלה טמירין", וועט פון איר באַקומען דריי גאָלדענע רענדלעך.

און דאָס האָט געווירקט. פון דער גאַנצער שטאָט און אויך פון דער פּראָווינץ האָט מען געבראַכט צו טעמערלען „מגלה טמירינם". זי האָט באַצאָלט פאַר יעדן עקזעמפּליאַר דריי רענדלעך און אין די אויגן פון די מענטשן וואָס האָבן די עקזעמפּליאַרן געבראַכט האָט זי זיי פאַרברענט (22), מכבד געווען די ברענגערס מיט לעקעך־און־בראָנפן, און דערביי געזאָגט אַ פּאָר מוסר־ווערטער.

וויפל עקזעמפּליאַרן עס האָבן זיך נאָך געפונען אויף דער וועלט, האָט שוין טעמערל נישט געקאָנט וויסן.

אין קאַמף קעגן ספרי־השכלה האָט מען זיך נישט אָפּגעשטעלט אפילו פאַר די שווערסטע מסירות, ווי עס באַווייזט דער ווייטערדיקער פאַקט:

אין וואַרשע האָט געוואוינט אַ רייכער און בכבודיקער סוחר, אַ משכיל, זאַטענבערג. ער פלעגט אָפט פאָרן קיין אויסלאַנד. און צוריקקומענדיק האָט ער מיט זיך שטענדיק מיטגעבראַכט השכלה־ספרים ,וועלכע ער האָט געליען יונגע־לייט צום לייענען.

חסידים האָבן זיך דערפון דערוואוסט און באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן מיטן פאַרשפּרייטן אפּיקורסות צווישן יידן אין וואַרשע .זיי האָבן געפּרוּווט אויף זאַטענבערגן ווירקן מיט גוטן, מיט בייזן — אומזיסט. ער האָט זיי אויסגעלאַכט. זיי האָבן אָבער געפונען אַ גוט מיטל, אים אומשעדלעך צו מאַכן.

אין יענע צייטן (1844) איז אין וואַרשע געווען איבער־צענזאָר פון העברעאישע שריפטן און ספרים איינער אַ משומד, טשערסקער, וועלכער איז גלייכצייטיק אויך געווען אַ שפּיאָן. צו אים האָבן זיך געווענדט די וואָס האָבן געפירט דעם קאַמף קעגן דער השכלה, מיט דער בקשה, ער זאָל אַ סוף מאַכן מיטן אַריינברענגען אין לאַנד השכלה־ספרים.

טשערסקער, באַקומענדיק פון די חסידים פאָרויס אַ גוטן מתנת־יד, האָט זיך טאַקע ענערגיש גענומען צו דער זאַך. אַלס שפּיאָן האָט ער מודיע געווען דער מאַכט אַז צווישן יידן ווערן פאַרשפּרייט אידייען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע דורך ביכער וואָס ווערן אַריינגעפירט פון אויסלאַנד. די מאַכט האָט, אַלזאָ, געהייסן אַכטונג געבן ביי די גרענעצן אויף די יידן וואָס קומען פון אויסלאַנד, און קאָנפיסקירן ביי זיי די יידישע ביכער וואָס זיי פירן מיט זיך.

ווען זאַטענבערג איז צוריקגעפאָרן פון אויסלאַנד, האָט ער געפירט מיט זיך דעם זיבעטן באַנד פון זאַמלבוך „כרם חמד", וואָס איז קאָנפיסקירט געוואָרן ווי אַלע אַנדערע ספרים וואָס זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין לאַנד.

זאַטענבערג איז זיך אַחיים געפאָרן קיין וואַרשע, און האָט זיך ווייניק וואָס געקימערט וועגן דעם „כרם חמד" וואָס מען האָט ביי

22) אַקטן פון רעליגיעזע פּראָנעס, דאַרט.

אים צוגענומען, זייענדיק זיכער אז מען וועט אים דעם ספר צוריקגעבן נאָך דעם ווי ער וועט דורכגעלייענט ווערן אין צענזור, וויסנדיק אז אין אים געפינט זיך נישט קיין שום וואָרט וואָס זאָל קאָנען זיין פאַרדעכטיק, און טאַקע דערפאַר האָט ער געבעטן, מען זאָל פאַרצייכענען זיין נאָמען און זיין אדרעס.

עטליכע וואָכן זענען אריבער און פּלוצלינג, האַלבע נאַכט, ווערט דאָס הויז וואו זאָטענבערג האָט געוואוינט באַלאַגערט פון זשאַנדאַרמען און פּאָליציי. מען פאַלט אריין אין זיין וואוינונג, מען מאַכט אַ שטרענגע רעוויזיע, מען נעמט צו אַלע אויסלענדישע ספרים וואָס געפינען זיך ביי אים, און אים אַליין פירט מען אָפּ אין ציטאַדעל.

מיט וואָס האָט ער זיך אזוי שווער פאַרזינדיקט אז מען זאָל אים באַפאַלן אין מיטן נאַכט און אָפּפירן אַזש אין ציטאַדעל?

זיין פאַמיליע און גוטע פריינד האָבן זיך באַמיט די זאַך צו דערגיין און נאָך פיל מי און קאָסטן איז זיי געלונגען זיך צו דערוויסן אז ער ווערט באַשולדיקט אין אַ גאָר געפערלעך פאַרברעכן, דהיינו: ער פאַרנעמט זיך מיט דער פּראַנצויזישער רעוואָלוציע.

ווי? וואָס? ווען? קומט דאָס צו אַ בכבודיקן רייכן סוחר, ער זאָל זיך פאַרנעמען מיט רעוואָלוציע? וואָס פאַר אַ באַווייז האָט מען עס אויף דעם?

נאָך ווייטערע מי און קאָסטן איז מען געוואויר געוואָרן נאָך מער: אין אַ ספר וואָס זאָטענבערג האָט געבראַכט פון אויסלאַנד געפינט זיך אַ פאַרשטעלטער רמזדיקער רעיון וועגן דער פּראַנצויזישער רעוואָלוציע.

אָבער אויב אַזוי, אויב נאָר „אַ פאַרשטעלטער, רמזדיקער רעיון" קאָן מען דאָך שוין עפּעס טון. קאָן מען דאָך שוין באַווייזן אז דער גאַנצער חשד איז פאַלש.

זאָטענבערגס קרובים האָבן זיך אַלזאָ געווענדט צום צענזאָר און סעקרעטאַר פון צענזור־קאָמיטעט פאַר יידישע שריפטן און ביכער, יעקב טוגענדהאָלד, און אים געבעטן ער זאָל די זאַך קלאָר מאַכן.

דאַן איז מען ערשט געוואויר געוואָרן וואָס די מעשה איז: אין זיבעטן באַנד פון „כרם חמד", וואָס מען האָט צוגענומען ביי זאָטענבערגן אויף דער גרענעץ, געפינט זיך עפּעס אַ פּירוש אויף דעם פּסוק „בשנת היובל הזאת תשובו איש אל אחוזתו", און אויף דעם דאָזיקן פּירוש האָט דער אייבער־צענזאָר טשערסקער געזאָגט אַז דאָס איז אַ באַהאַלטענע חקירה וועגן דער פּראַנצויזישער רעוואָלוציע וואָס ווערט דאָרט אָנגערופן מיטן נאָמען „שנת היובל".

טוגענדהאָלדן איז דעמאָלט לייכט געווען צו באַווייזן אז טשערסקערס מיינונג איז פאַלש, און זאָטענבערג איז באַפרייט געוואָרן, אָפּזיצנדיק אין ציטאַדעל מער פון אַ האַלב יאָר (23). פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין געוואוסט ווי גרויס עס איז די שטראָף פון די וואָס פאַרשפּרייטן צווישן יידן כפירה־ספרים (24).

אָט אַזוי האָט מען אַ מאָל געקעמפט אין ווארשע קעגן אַלע מיני הפקרות. מיט דער צייט האָט אָבער דער קאַמף געמוזט גע־לינדערט ווערן. די ראַבינער־שול, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1826, האָט יעדעס יאָר ארויסגעלאָזט אַ געוויסע צאָל געענדיקטע ראַבינערס — „מופקרים" די ערשטע שילערס זענען געווען מיינסטנס יתומים וואָס האָבן באַלד באַקומען קליידונג און גאַנצע אויסהאַלטונג, שפּעטער — אויך קינדער פון די „איין־און־דרייסיקער" און אַנדערע „מחוצפים", און די דאָזיקע „מופקרים", קאָנענדיק זיך פאַרטיידיקן פאַר דער מאַכט און זייענדיק „דייטש" געקליידעט, האָבן נישט נאָר אַליין נישט געאַכט דעם שמש און אפילו דעם רב, נאָר אויך פאַר אַנדערע געדינט אַלס ביישפּיל. פיל מאָל זענען זיי אויך אָפן ארויסגעטראָטן צו פאַרטיידיקן די וואָס זענען פון שמש און קהל גערודפט געוואָרן.

23) אין יענע צייטן זיינען נאָך קיין סטערעאָטיפּן נישט געווען, און אויב אַלע עקזעמפּלאַרן פון אַ ספר זיינען פאַרניכטעט געוואָרן און דער מחבר האָט דעם כתב־יד נישט געהאַט, האָט ער אים שוין נישט געקאָנט איבערדרוקן. חוץ דעם האָט דאָס פאַרברענען דעם „מגלה טמירין" נאָכן צאָלן פאַר אים דריי רענדלעך געהאַט אַ זייער גרויסן דעמאָנסטראַטיוון כאַראַקטער.

24) בקיצור איז די דאָזיקע מעשה איבערגעגעבן געוואָרן אין דעם דייטש־יידישן וואָכנבלאַט „אָריענט" נומער 35 פון יאָר 1844. טוגענדהאָלד האָט געענטפערט אויף דעם אין דעם זעלבן וואָכנבלאַט נומער 36 פון יאָר 1844. אין זיינע שריפטן דערציילט ער די גאַנצע זאַך אויספירלעך.

ארויסגענומען פון אַלמאַנאַך צום צעניאָריקן יובילעום פון דער ווארשעווער יידישער צייטונג „מאָמענט". דער אַלמאַנאַך איז דערשינען אין יאָר 1918.



ווארשעווער יידן
פון יאָר 1863

(רעפּראָדוקציע פון בילד
פון אַרטור גראָטגער)

אברהם ביק (ניו־יאָרק)

# עטאַפּן פון חסידיזם אין וואַרשע

**(מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון חסידות אין פּוילן)**

דער חסידיזם שטעלט מיט זיך פאָר אַ רעליגיעזע שפּאַלטונג, וועלכע איז רײַף געוואָרן אויפן קריזיס פון יידישע קהל. אונטער זײַן רעליגיעזער אויסערלעכער פאָרעם דאַרף מען דערקענען דעם מאַטעריעלן אינהאַלט. די לײַדנשאַפטלעכע שטרײַטן וועגן דער באַציִונג פון מענטש צו גאָט האָבן באַהאַלטן הינטער זיך געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן פון מענטשן. דער חסידיזם איז פון אָנהייב אָן געווען דער אידעאָלאָגישער אויסדרוק פון דער אָפּאָזיציע קעגן דעם רביניזם, וועלכער האָט אָפּגעשפּיגלט די אינטערעסן פון דער הערשנדיקער גרופּע אין דער געמיינדע. דעריבער איז דער חסידיזם געווען אַ באַוועגונג אין דער געמיינדע גופא און נישט אויסער דער געמיינדע.

די נײַע לערע און אָנפירונג פון דער חסידישער סעקטע האָבן אין אַ געוויסער מאָס אונטערגעגראָבן די דורותדיקע רבניש־קהלשע פעסטונג, און דערמיט גופא האָט די חסידישע אָרגאַניזאַציע שוין באַדאַרפט געווען באַקומען אַ צוציִונגס־קראַפט פאַר אַלע אומרויִקע עלעמענטן אינעם יידישן לעבן, וועלכע האָבן געליטן פונעם רבניש־קהלשן דעספּאָטיזם און ווילקיר און האָבן געטרוימט וועגן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם אומדערטרעגלעך שווערן יאָך.

אין אַ היפּש באַדייטנדיקער מאָס האָט די קהלש־רבנישע מאַכט זיך באַזירט אויף דער מאָנאָפּאָליזירונג בײַם באַפרידיקן די געזעלשאַפטלעך־רעליגיעזע באַדערפענישן, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט אין זייערע הענט. און האָט עמעצער געפּרוּווט נאָר „ווידערשפּעניקן" און זיך שטעלן קעגן דעם „הייליקן בונד" פון ראַבינאַט און קהל, האָט מען אַזאַ איינעם נישט צוגעלאָזט צו דער באַפרידיקונג פון זײַנע געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע הצטרכותן, ווי למשל דאַווענען אין שיל, קוילן אַן עוף בײַם שוחט, און אַזוי ווייטער.

שוין מיטן עצם פאַקט פון גרינדן אייגענע מנינים און קלײַזלעך, זאָל זײַן אפילו צוליב דעם נײַעם נוסח פון דאַווענען אָדער פון באַשטימען אייגענע שוחטים, זאָל זײַן אפילו צוליב דעם נײַעם אופן פון שאַרפן די חלפים, האָט די נײַע חסידישע סעקטע אַרויסגעריסן בײַ דער קהלש־רבנישער אַליאַנץ דאָס סאַמע שאַרפסטע געווער וואָס פלעגט דורך איר אָנגעווענדט ווערן קעגן „ווידערשפּעניקע" און „נישט־געהאָרכזאַמע". די לעצטע האָבן איצט שוין געהאַט צו וועמען זיך צו צוטוליען און זיך צו ווענדן אין פאַל פון „חרם", און זיי האָבן שוין מער קיין מורא נישט געהאַט צו ווערן איזאָלירט פונעם כלל.

דערמיט דערקלערט זיך פאַר וואָס די קהלש־רבנישע אינסטיטוציעס האָט פון דער ערשטער מינוט דערשפּירט אַז אינעם חסידיזם שטעקט אַ גרויסע געפאַר פאַר איר אומבאַגרענעצטער ווילקירלעכער הערשאַפט, און זי האָט אין משך פון די לעצטע יאָרצענדליקער פונעם 18טן יאָרהונדערט געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן דער נײַער סעקטע, און זי האָט אין דעם דאָזיקן קאַמף אָנגעווענדט די סאַמע שאַרפסטע, עקסטרעמסטע מיטלען פון איר סקאַרבאָוון אַרסענאַל; און פון דער אַנדערער זײַט — פאַר וואָס די אָפּאָזיציאָנעלע בעל־מלאכישע שיכטן האָבן אין זייער קאַמף קעגן תקיפות פון קהל אין אַ סך פאַלן זיך גרופּירט אַרום דער נײַער חסידישער אָרגאַניזאַציע.

דערמיט דערקלערט זיך אויך וואָס דער חסידיזם האָט אָנגע־

הויבן זײַנע אַטאַקעס גראָד פון דעם שוואַכסטן רינג אין דער קהלש־רבנישער פעסטונג — פון פּאָדאָליע, וועלכע איז אַ דאַנק דער טערקישער אָקופּאַציע, וועלכע האָט געדויערט פון 1672 ביז 1699, געווען צײַטווײַליק אָפּגעריסן פון די צענטראַלע וועדישע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס און די קהלש־רבנישע אָרגאַניזאַציע איז דאָרט געווען אַ סך שוואַכערע און ס'איז לײַכטער געווען זי צו אַטאַקירן.

## חסידות אין וואַרשע אינעם 18טן יאָרהונדערט.

אויפגעקומען אין אוקראַיִנע האָט זיך דער חסידיזם שפּעטער לײַכט אַריבערגעוואָרפן אויף די שטעטלעך פון ווײַסרוסלאַנד און פּוילן, ווען דער קאַמף קעגן דער קהל־אָרדענונגען האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע מאַסע פונעם יידנטום.

אין די אַכציקער און נײַנציקער יאָרן פונעם 18טן יאָרהונדערט באַווײַזן זיך די ערשטע שפּראָצונגען פונעם חסידיזם אין וואַרשע.

די ערשטע וואַרשעווער חסידים האָבן זיך רעקרוטירט פון אָרעמע בעל־מלאכות און קליינבירגער. עס איז דעריבער קיין וווּנדער נישט וואָס זיי האָבן אַרויסגערופן קעגן זיך ביטערע רדיפות מצד די רבנים און דעם קהל.

אין יאָר 1780 איז אין פּראַגע פאָרגעקומען אַ וויכוח צווישן דעם בריסקער רב אברהם קאַצענעלבויגן און לוי יצחק פון זשעליכאָוו, שפּעטער באַקאַנט אַלס לוי יצחק באַרדיטשעווער. פון אַ קול־קורא, אָדער פּאַמפלעט, וואָס דער בריסקער האָט אַרויסגעגעבן, איז צו זען אַז דער מתנגד האָט באַזיגט דעם חסיד אין דעם וויכוח, „ווייל עס איז באַקאַנט אויך אין גאַנצן לאַנד — שרײַבט קאַצענעלנבויגן — אַז איך האָב זיך מתווכח געווען און האָב מנצח געווען יצחק דעם זשעליכאָווער, דעם הויפּט פון זייער באַנדע אין וואַרשע" (זע אברהם לווינסון „תולדות יהודי וורשה", עם עובד, תל אביב, תשי"ג).

דער בריסקער רב האָט פאָרגעלייגט די וואַרשעווער חסידים נאָך אַ וויכוח, אין דער אָנוועזנהייט פון חשובע בעלי־בתים אָבער לוי יצחק האָט נישט געוואָלט נאָך אַ מאָל אויפטרעטן אין דער עפנטלעכקייט און האָט פאָרגעלייגט אַ וויכוח דורך שריפט.

די לײַדנשאַפטלעכקייט מיט וועלכער עס איז געפירט געוואָרן דער וויכוח וועגן הימלישע פראַגעס זאָגט עדות אַז הינטער זיי איז געווען פאַרבאַהאַלטן אַ קאַמף פאַר מאַטעריעלע אינטערעסן.

אין שפּיץ פון די חסידים אין וואַרשע איז דעמאָלט געשטאַנען יצחק בנימין וואָלף, אַ פעטער פון באַרימטן חסידישן רבין בונעם פּשיסכער, וואָס איז פאַררעכנט ווי דער גרינדער פון חסידיזם אין קאָנגרעס־פּוילן. אין זייער מלחמה קעגן די מתנגדים האָבן די פּראַגער־וואַרשעווער חסידים געפונען אַ שטיצע אין דעם באַקאַנטן פּראַגער־וואַרשעווער נגיד שמואל זביטקעווער און זײַן שניר, דער באַרימטער וואַרשעווער נגידותטע טעמערל. צוליב זייער קעגנערשאַפט צו די קהל־פירער פון וואַרשע האָבן זיי געשטיצט די חסידים.

שמואל זביטקעווער איז אַ לעגענדאַרע פיגור אין דער געשיכטע

פון יידן אין פוילן. אין 1794 ווען גענעראל סוואראוו האט געשטורעמט ווארשע־פראגע, האט לויט דער לעגענדע שמואל זביטקעווער אוועקגעשטעלט פעסער מיט גאלדענע רענדלעך פאר פדיון־שביום, געצאלט א רענדל פאר א טויטן ייִדן, און צוויי פאר א לעבעדיקן ייִדן וואס זענען אריינגעפאלן צו די קאזאקן.

שפעטער האבן חסידישע ייִדן, אונטער דער אנפירונג פון דעם פויליש־ייִדישן פאטריאט בערעק יאסעלעוויטש, מיליטעריש ארגאניזירט א פאלק פון לייכטע קאוואלעריע און ביזן לעצטן אטעם פארטיידיקט קאשציושקאס אויפשטאנד אויף פראגע, און געטריבן אין איינעם מיטן אויפגעשטאנענעם פוילישן פאלק די צארישע קאזאקן.

שמואל זביטקעווער האט געוווינט אין פראגע און האט דארט קאנצענטרירט זיינע אלע אונטערנעמונגען. פראגע האט דעמאלט געהאט אן אייגענע חסידישע שיל, געגרינדעט טאקע דורך שמואלן, וואס מען האט אין די אקטן גערופן „שמואלס שיל״ (זע עקאנאמישע אקטן״ נומער 1120, ציטירט אין „היסטארישע שריפטן״ ייווא, ווילנע 1937, צווייטער באנד). אין דער דאזיקער שיל זענען פארגעקומען די וויכוחים צווישן די חסידים און מתנגדים.


דער גערער רבי בעת
א שפאציר און אטוואצק
(ווארשע)

א באזונדערע ראלע אין פוילישן חסידות האט געשפילט די דערמאנטע טעמערל — שמואל זביטקעווערס שניר. די חסידים האבן זי באצייכנט ווי „די קלוגסטע פרוי פון איר צייט״ און רביים און חסידים פלעגן פארפארן צו איר כדי צו פרעגן אן עצה. מען דערציילט אויך אז טעמערל פלעגט פארן צום קאצקער רבין ר' מענדל מארגענשטערן, פלעגט מיטברענגען טייסטערס געלט, פולע מיט גאלדענע רענדלעך, און זי פלעגט אנזעטיקן און אנקליידן די קרוע־ובלועהדיקע, הונגעריקע חסידים וואס האבן געקלאפט אין רבינס טיר ווי אין א טויבער וואנט, און זענען נישט געענטפערט געווארן.

ביים קאצקער — שפינט זיך ווייטער די חסידישע לעגענדע — האט אבער טעמערל קיין ראלע נישט געשפילט. געלט איז עולם־הזה, און דער קאצקער איז נישט געקומען אויף דער וועלט צו טיילן חסידים עולם־הזה. אין א שיינעם טאג האט ער די ווארשעווער־פראגער נגידה פארטריבן, און זי איז אוועק צו אן אנדערן רבין, מרדכי יוסף פון איזשביצע ביי דער ווייסל... (זע „חסידות־מאטיוון״ פון אברהם ביק, איקוף, נ״י, 1944).

## ווארשעווער חסידות אינעם 19טן יארהונדערט

אינעם 19טן יארהונדערט ווערט דער הויפטפירער פון ווארשעווער חסידות ר' יצחק מאיר אלטער, שפעטער באקאנט אלס ר' איטשע־מאיר גערער, דער פאטער פון דער גערער דינאסטיע. ער האט חתונה געהאט פאר דער טאכטער פון ווארשעווער גביר משה חלפן, איז צום ערשט געפארן צום קאצקער רבין און נאך זיין טויט האט ער איבערגענומען די פירערשאפט פון די קאצקער חסידים און געגרינדעט דעם בארימטן גערער הויף.

בעתן פוילישן אויפשטאנד פון יאר 1831 האבן זיך ווארשעווער ייִדן געשטעלט צום קאמף. דאס מאל האבן זיך אויך אנגעשלאסן א סך חסידים. יצחק־מאיר אלטער האט באאיינפלוסט זיין שווער דעם נגיד משה חלפן, ער זאל לייען די פירער פונעם אויפשטאנד געלט אן פראצענט. ביים אויסבראך פון דעם אויפשטאנד האבן יצחק־מאיר און זיין רבי מענדל מארגענשטערן פון קאצק זיך געשטעלט אויפן צד פון די בונטארן און האבן דערפאר געמוזט אנטלויפן קיין אויסלאנד (גאליציע, וואס האט געהערט צו עסטרייך). זיי האבן זיך אומגעקערט מיט נייע נעמען (יצחק־מאיר האט פריער געהייסן ראטענבערג און מענדל מארגענשטערן — האלפערן).

אויך אין דעם אויפשטאנד פון 1863, וואס איז אריין אין דער פוילישער און ייִדישער געשיכטע אונטערן נאמען „די תקופה פון פויליש־ייִדישער פארברידערונג״, האבן די חסידים אנטייל גענומען. יצחק־מאיר אלטער איז צוגעצויגן געווארן צום אויפשטאנד דורך דעם באקאנטן ייִדישן פירער פונעם אויפשטאנד, דעם ווארשעווער רב בעריש מייזעלס.

אין דער צייט פונעם ערשטן אויפשטאנד אין 1831 זענען נאך די ווארשעווער חסידים שטארק באקעמפט געווארן דורך די מתנגדים. די מתנגדים האבן שוין מער נישט געפירט מיט די חסידים קיין וויכוחים. זיי האבן זיך גענומען באנוצן מיט מסירות.

אין יאר 1834 האט דער קאמיטעט פון די ווארשעווער שילן צוגעשטעלט צום הויפט פון דער ווארשעווער פאליציי אזא מעמאראנדום:

„שוין א צייט אז פון דער פראווינץ שטראמען אהער ייִדן וואס צירן זיך אויס אין טיטלען און קוועטשן אויס געלט פון די לייכט־גלייביקע דורך צוזאגן רפואות צו קראנקע, קינדער צו פרויען־עקרות, שלום־בית אא״וו. מיט פופציק יאר צוריק איז, צו אונדזער גרויסן באדויערן, אויפגעקומען אין די גרענעצן פון דער מאזאוישער רעליגיע א סעקטע פון חסידים. די דאזיקע סעקטע האט זיך צעצווייגט אין פארשידענע טיילן, וואס באקעמפן איינע די אנ־

דערע. א טייל רופן זיך קאָצקער, אַנדערע פּשיסכער אא"וו. די דאָזיקע שאַרלאַטאַנעם געפינען גלייך אָנהענגער וואָס פאַרשפּרייטן זייער תורה צווישן פאָלק. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט אַז פרויען שלעפּן אַרויס באַהאַלטענערהייט געלט פון זייערע מענער און גיבן עס אַוועק די אָפּנאַרער, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר צדיקים, און יונגע מענטשן אַרדענען אײַן אין די דירות באַגעגענישן. דער קאָמיטעט פון די וואַרשעווער שולן מאַכט אויפמערקזאַם אַז די דאָזיקע מעשים ווירקן שלעכט אויפן פאַמיליע־לעבן און אויף די שטייערן פון דער מלוכה, און בכלל פירן זיי צו מאָראַלישער פאַרדאַרבונג. מיר זענען זיכער אַז זײַן עקסעלענץ, דער גענעראַל, וועט זען פאַרמיידן די דאָזיקע מעשים און די פּאָליציי, וואָס איז אים געהאָרכזאַם, וועט אָננעמען נייטיקע וואָרענונגס־מיטלען..." (ציטירט לויט לעווינסאָנס דערמאָנטן בוך, ז' 144).

מיט וואָס דערקלערט זיך די מסירה?

די מתנגדים, ווי די ייִדישע בורזשואַזיע בכלל, האָבן, פאַרשטייט זיך, אויף זייער שטייגער געוואָלט אַרויסווײַזן „פּאַטריאָטיזם" צו דער „מלוכה" און געפונען אַ געלעגנהייט זיך אונטערצוחנפהענען דעם „אוראַדניק". אָבער די אמתע סיבה צו באַנוצן זיך מיט מסירה זאָגט עדות וועגן דער מאַכטלאָזיקייט פון קהל זעלבסטשטענדיק צו לייזן זײַנע קאָנפליקטן, אָן דער שטיצע פון דער אויבערלעכער קראַפט.

דער חסידיזם אין וואַרשע, ווי אין גאַנץ פּוילן, איז נישט פעיִק געווען צו שאַפן נײַע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען. ער האָט בלויז געקענט דעמאָראַליזירן, צעלייגן דעם קהל. אין זייערע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן האָבן די חסידים גאָרנישט געגעבן וואָס זאָל, לפּחות אין דער ווײַטסטער מאָס, דערמאָנען די סאָציאַל־עטישע און רעליגיעז־קאָמוניסטישע טענדענצן אין וועלכע עס זענען געווען געפאַרבט פיל ראַדיקאַלע סעקטעס.

די אָנשווינגען פון די חסידים אויף אייגנטום האָבן זיך כמעט נישט אונטערגעשיידט פון די הערשנדיקע. ווײַטער פון ברייטער צדקה מצד פאַרמעגלעכע מיטגלידער, ווײַטער פון געמיינזאַמע סעודות און פאַמיליאַרישער איינפאַכקייט אין די קעגנזײַטיקע באַציִונגען (ווי דאָס אַלגעמיינע „דוצן זיך"), זענען זיי נישט דערגאַנגען.

דעריבער איז דער פּאָזיטיווער סאָציאַלער אינהאַלט פונעם חסידיזם זייער קאַרג און אָרעם. די סיבה באַשטייט אינעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון די חסידישע גרופּעס אויף וועלכע זיי האָבן זיך געשטיצט. די חסידים זענען געווען קליינע קרעמער און סתם לײַדיקגייער, נאָענטע צו דער קליינבירגערלעכער מאַסע.

אינעם 19טן יאָרהונדערט הייבט זיך אָן דער חסידיזם אין וואַרשע אַראָפּצוקייקלען צום מיסטיפיקאַטאָרישן דינאַסטיע־צדיקיזם, וואָס עקספּלואַטירט די אומוויסנסייט און פינצטערקייט פון די מאַסן און פלאַנצט אײַן פינצטערן אָבסקוראַנטיזם.

יצחק־מאיר אַלטער הייבט אָן אַ קאַמף קעגן דער פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג צו ענדערן די ספּעציפיש־ייִדישע מלבושה פון זײַדענע בעקעשעס און שטרײַמלעך, אונטער דער שטראָף, אַז די וואָס וועלן נישט אויספאָלגן זאָלן צאָלן אַ באַזונדערן שטײַער. יצחק־מאיר אַלטער האָט פאַראָרדנט די חסידים צו גיין אויף קדוש־השם און נישט אויסצוטאָן די שטרײַמלעך, די קאַפּאָטעס און די ווײַסע זאָקן...

די גזירה איז באַלד בטל געוואָרן און דער איינפלוס פון חסידיזם האָט זיך געשטאַרקט.

די הכנעה פאַר דער אַלמעכטיקייט פון רבין, דאָס אָנערקענען פּדיונים, די אָבערגלייבערישע באַציִונג צו ניסים, האָבן געשאַפן צווישן דער חסידישער מאַסע אײַנגעשפּאַרטע און פאַנאַטישע קעגנער פון פאָרגעשריטענע וועלטלעכע אידעעם.

## וואַרשעווער חסידות אינעם 20טן יאָרהונדערט

צוזאַמען מיטן זיג, וואָס יצחק־מאיר אַלטער און די וואַרשעווער חסידים האָבן אָפּגעהאַלטן אין די לעצטע יאָרן פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט, האָט זיך אויסגעוועפּט דער אַמאָליקער דעמאָקראַטישער גייסט פון חסידיזם.



פון אַלע אָפּצווײַגונגען און ריכטונגען אויף וועלכע דאָס וואַרשעווער חסידות האָט זיך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט צעשפּאָלטן — גערער, סקערניעוויצער, קאָזשעניצער און ראַדזימינער שטיבלעך, האָט בלויז איין ריכטונג, ווי מיר וועלן שפּעטער זען, אײַנגעהיט די אָנפאַנגלעכע ריינקייט און דעמאָקראַטישקייט פון דער חסידישער באַוועגונג. דאָס זענען געווען די בראַצלאַווער אָדער די „טויטע חסידים".

די גרעסטע ווירקונג אויף חסידות אין וואַרשע האָט געהאַט דער דערבײַיִקער גערער הויף, אונטער דער פירערשאַפט פון די גערער רביים, יהודה־לייב אַלטער און זיין זון אברהם־מרדכי אַלטער.

דער גערער הויף האָט געפירט אַן אמתע קלעריקאַלע הויף־פּאָליטיק און אויפגעפאָדערט זײַנע חסידים צו זײַן העכסט לאָיאַל צו דער רעגירונג, באַזונדערס אין די צײַטן פון פּילסודסקי־רעזשים. מיט וואָס דערקלערט זיך דער פּאַטריאָטיזם פון גערער רבין בנוגע צו אַ לאַנד וואָס האָט באַהאַנדלט ייִדן ווי שטיפקינדער? די נעאָרעליגיעזע ייִדישע היסטאָריאָגראַפן דערקלערן אַז דער גערער רבי האָט כלומרשט מקריב געווען די פרײַהייט צוליב דער רעליגיע. ער קורסים, וואָס שטייען אויף נישט נאָר קעגן דער ערדישער, נאָר האָט געהאַלטן די קעגנער פון דער מלוכה פאַרפרײַדענקער און אַפילו קעגן דער הימלישער מאַכט. דאָס דערקלערט נאַטירלעך גאָרנישט. די סיבה ליגט דערין וואָס דער גערער הויף, צוזאַמען מיט אַנדערע חסידישע הויפן איז שוין דעמאָלט געווען אַ נגידישע מאַכט, וועמענס פּאָליטיק האָט פולשטענדיק האַרמאָנירט מיט דעם רעאַקציאָנערן פּוילישן רעזשים.

די קלעריקאַלע אָרגאַניזאַציע „אגודת־ישראל" האָט אין די צוואַנציקער יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט געהאַט איר טעגלעכע צײַטונג דער „טאָגעבלאַט". אין די חסידישע שטיבלעך האָט מען געלייענט „היסטאָרישע ראָמאַנען" און געפירט פּראָפּאַגאַנדע פאַר די וואַלן צום סיים. דער גערער רבינס איידעם איטשע־מאיר איז אַליין געווען אַ דעפּוטאַט אין סיים און די חסידים האָבן אַרויסגעשטעלט אַלס דעפּוטאַטן פון ייִדישן פאָלק וואָס מער נגידים.

דער דעמאָקראַטישער תוך פון די ערשטע וואַרשעווער חסידים אין די יאָרן 1794, ייִדן מיט באָרד און פּאות, אין קאַפּאָטעס, וואָס זייערע פּאָלעס זענען אײַנגעשטעקט געוואָרן אין די גאַרטלען און וועלכע זענען אַרויס אויף די וואַרשעווער גאַסן אין איינעם מיטן אויפגעשטאַנענעם פּוילישן פאָלק קעגן די צאַרישע חילות, — דער גייסט איז שוין אָנהייב 20טן יאָרהונדערט געווען פאַרשוווּנדן, און זיין אָרט האָט פאַרנומען אַ נײַע הערארכיע פון רביים. אין די וואַרשעווער הויפן האָבן זיך באַוויזן פאַרשידענע רביים און יעדער רבי האָט זיך באַמיט מיט פאַרשידענע מיטלען צו פאַרגרעסערן זײַן הויף, כדי אַזוי אַרום באַפעסטיקן זײַן השפּעה. אַזוי איז אַנטשטאַנען אַ באַזונדער הויף־פּאָליטיק, וואָס האָט אײַנגעשפּאַנט די מאַסן אין וואָגן פון גבירים און תקיפים, סאַטראַפּן אין ייִדישן לעבן.

די רעשטן פון אַמאָליקן חסידישן דעמאָקראַטישן כאַראַקטער האָבן בלויז געטליִעט אין איין חויף, און דאָס זענען געווען די בראַצלאַווער אָדער, ווי זייערע קעגנער האָבן זיי גערופן, די „טויטע חסידים", ווײַל זייער גרינדער נחמן בראַצלאַווער, האָט נישט געוואָלט לאָזן נאָך זיך קיין יורש, נאָר אָנגעזאָגט אַז די חסידים זאָלן פאָרן עטלעכע מאָל אַ יאָר אויף זײַן קבר.

## די „טויטע חסידים" אין וואַרשע

די בראַצלאַווער חסידים זענען געווען די ייִנגסטע חסידישע סעקטע. נאָך דער סאָוועטישער רעוואָלוציע זענען אַ סך בראַצלאַווער חסידים אַריבערגעקומען פון אוקראַיִנע קיין וואַרשע און האָבן דאָ געשאַפן זייער שטיבל, וואָס איז באַרימט געווען אין גאַנץ פּוילן.

זיי האָבן געהאַט אַן ענג שילעכל, וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז עטלעכע חדרים און זייער צאָל איז געווען אַ צענדליק מנינים, אַ הונדערט חסידים.

דאָס אָרעמע שילעכל איז געווען באַהאָנגען מיט אויסצוגן פון נחמן בראַצלאַווערס ספרים און פּסוקים. די ווערטער וואָס חאָבן פאַרלאַנגט פונעם חסיד, חאַרץ, נשמח־ערלעכקייט און אחדות.

יעדער איינער וואָס פלעגט באַזוכן די דאָזיקע סעקטע איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון זייער בּרען, פונעם חסידישן עקסטאַז, פון

זייער פֿײַערדיקער התלהבות. און די באַזוכער זענען געווען שרײַבער, שוישפּילער, געזעלשאַפֿטלעכע טוער.

אָט ווי אַ וואַרשעווער שרײַבער שילדערט דעם צענטער פֿון די „טויטע חסידים" אין וואַרשע ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה:

„ווי די חסידים האָבן אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָבן זיי ווי פֿאַרגעסן פֿון אַלע צרות, נויט, זאָרגן, און זענען גלײַך ווי איבערגעוואַנדלט געוואָרן אין אַנדערע, העכערע מענטשן.

...אָבער דער עיקר איז געווען דער טאַנץ, וואָס איז געקומען נאָכן דאַווענען. מ'האָט נאָך נישט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן מנחה אָדער מעריב, און שוין האָט איינער אָנגעהויבן דעם באַוווּסטן ר' נחמן־ניגון. אָנגעהויבן אַזוי שטיל, פּאַמעלעך, ווי פֿאַרשעמט. און עס האָבן גלייך אונטערגעכאַפּט נאָך אייניקע, און באַלד אַלע. און שוין זענען הענט געווען געשלאָסן צו הענט. און הענט אויפֿן צווייטנס אַקסל, און שוין אין אַ ראָד, ווי רינגען אין אַ קייט, און ס'איז שוין דאָ אַן עיגול, אַ קרייז אַרום באַלעמער־טיש, און ס'הייבט זיך אָן דער טאַנץ, וואָס איז בײַ די בראַצלאַווער גאָר אַנדערש ווי אַ געוויינלעכער טאַנץ. מ'גייט נישט אַרום און אַרום, מ'באַוועגט זיך נישט אין דעם קרייז, נאָר מ'טאַנצט אויף איין אָרט אַרויף און אַראָפּ. און וואָס ווײַטער וואַקסט שטאַרק דער עקסטאַז, וואָס ווײַטער — מיט מער היץ, מיט מער ברען. פֿון פֿרייד הערט מען קרעכצן, זיפֿצן, און ס'איז ווי מ'וואָלט אַראָפּגעוואָרפֿן די שווערע יאָכן, אַל די פּלאָגן. און אַלט און יונג, געזונטע און שוואַכע — אַלע האָבן געטאַנצט, אויסגעדריקט זייער אינעווייניקסטע פֿרייד און זייער ליבשאַפֿט און איבערגעגעבנקייט פֿאַרן הייליקן אָנדענק פֿונעם רבין נחמן...

אין דעם בראַצלאַווער שטיבל זענען אויך געווען צוויי שאַפֿעס, פּירעקיקע ווי היגע טעלעפֿאָן־בײַדלעך. דאָס זענען געווען פּלעצער פֿאַר פּראַווען התבודדות, און יעדער פֿון די בראַצלאַווער פֿלעגט זיך פֿון צײַט צו צײַט פֿאַרשפּאַרן אין אָט דעם ענגן בײַדל, און מ'האָט געהערט פֿון דאָרט אַ וויינען, אַ קלאָגן זיך אויף אייגענער שפֿלות, אויף אייגענער געפֿאַלנקייט"... (נחמן מייזל, ייִדישע קולטור מײַ, 1944).

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז ווען עס איז אָנגעקומען די היטלעריסטישע אינוואַזיע אויף וואַרשע און עס איז אײַנגעשטעלט געוואָרן די געטאָ, האָבן די בראַצלאַווער אַרויסגעהאָנגען אַן אויפֿרוף מיט אַ פּראָזע פֿון זייער רבינס אַ ספֿר, וואָס האָט זיך געליינט: גוואַלד, ייִדן, זײַט זיך נישט מיאש!...



יונגע חסידים

פ. קאַץ (בוענאָס־איירעס)

# וואַרשע דער צענטער פון השכלה

די השכלה, די שטרעבונג בײַ ייִדן צו וועלטלעכער בילדונג און צו רעליגיעזע, דערציִערישע, ווירטשאַפטלעכע און שטייגערישע רעפאָרמען, וואָס האָט אָנגענומען די פאָרעם פון אַ באַוועגונג, אין די ייִשובים פון ייִדישער רעכטלאָזיגקייט, זינט דער מיט פונעם 18טן ביזן סוף פונעם 19טן י"ה, ווען זי האָט אָפּגעטראָטן דאָס פּלאַץ פאַר די מאָדערנע סאָציאַלע און קולטור־באַוועגונגען בײַ ייִדן, האָט אין וואַרשע געהאַט איינעם פון אירע וויכטיקסטע צענטערס.

טייל געשיכטע־שרײַבער שרײַבן צו דעם וואַרשעווער צענטער אָדער צווײַג פון דער השכלה אַ באַזונדערן כאַראַקטער, וואָס טיילט אים אויס פון אַנדערע השכלה־צווײַגן מיט זײַן עקסטרעמקייט וועלכע האָט זײַנע אָדעפּטן, די משכילים, געפירט צו דער אַסימילאַציע און אַפילו צו שמד. דאָס זאָל אויך געווען זײַן דער מאָטיוו וואָס גראָד אין וואַרשע, ווו דער חסידיזם האָט געהאַט זײַן שטאַרקסטע פעסטונג אין משך פונעם גאַנצן 19טן יאָרהונדערט, האָבן די משכילים ווינציקער ווי אין אוקרײַנע און וואָלין און אויך ווינציקער ווי אין גאַליציע, געפירט קעגן אים זייער קאַמף. אין וואַרשע, זאָל עס הייסן, זענען די משכילים געגאַנגען דירעקט צו זייער „ציל"... טייל ווײַזן אָן אַז אויך די חסידים אין וואַרשע האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קעמפערישקייט קעגן דער השכלה און האָבן געלעבט זײַט בײַ זײַט מיט איר בשלום.

עס פעלן נישט קיין ביישפּילן אינעם וואַרשעווער השכלה־צווײַג, און דאָס אייגענע אין דער וואַרשעווער חסידות, וואָס קענען דינען אַלס גרונד פאַר אַזאַ באַטראַכטונג, און מען קען אַפילו אָנווײַזן די באַדינגונגען אינעם לעבן פון די וואַרשעווער ייִדן וואָס זאָלן אַזוי אָדער אַנדערש באַרעכטיקן אַזאַ דערשיינונג: פון איין זײַט דער דראַנג פון דער אינדיווידואַליסטישער וואַרשעווער רײַכער ייִדישער בורזשואַזיע אַרויסצורײַסן זיך פון איר רעכטלאָזיקייט אויף אַן אינדיווידועלן אופן און פון דער אַנדער זײַט די צופּאַסונג פון וואַרשעווער חסידישע רביים צו די פירונגען פון די רײַכע וואַרשעווער ייִדן.

נאָר השכלה איז זייער אַ צעצויגענער באַגריף, בפרט ווען עס איז פאַראַן די טענדענץ אים אויסצוציען און אים אַרײַנצוציִען און אויסמישן מיט אַנדערע באַגריפן. אין דעם פּרט: מיט אַסימילאַציע און שמד, ווי עס טוען למשל די ציוניסטישע פּובליציסטן. דאָס אייגענע איז ביז גאָר צעצויגן דער באַגריף וואַרשע.

די השכלה האָט אַרומגענומען נישט נאָר יענע רײַכע וואַרשעווער ייִדן וואָס זייערע געשעפטלעכע פאַרבינדונגען האָבן זיי דיקטירט אײַנציקווײַז און פּאַמעלעך זיך אָפּצוזאָגן פון זייער ייִדישקייט, אָנהייבנדיק פון די קאַפּאָטעס מיט די פּיאות, פון שבת און פון ייִדיש, פון ייִדישער נאַציאָנאַליטעט העט ביז פון משהס גלויבן (מאָזישעשאָוועגאָ וויזנאַניאַ) ביי דער ערשטער אָדער איבערגעחזרטער שוועריקייט, וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אויפן וועג צו זייער סאָציאַלן שטײַגן, און זיי אָדער עמעצער האָט זייער בגידה אַ נאָמען געגעבן השכלה.

און וואַרשע האָט אין זיך אַרײַנגענומען גרויסע מאַסן אָרעמע און מיטעלע ייִדן, דאָרט געבוירענע אָדער אַריבערגעקומענע פון די שטעט און שטעטלעך פון גאַנץ פּוילן און אויך פון ליטע, ווײַס־רוסלאַנד, פּאָלעסיע און וואָלין, וואָס השכלה האָט בײַ זיי געהאַט דעם ברייטן טײַטש פון אויפקלערונג, פון וועלטלעכן וויסן, פון באַציִונג מיט דער גרויסער וועלט, פון קולטורעלער איבערדערציִונג און סאָציאַלן איבערבוי; דאָס אַלץ וואָס האָט זיך שפּעטער אַרײַנגעגאָסן און זיך איבערגעפורעמט אין די פאַרשידענע ריכטונגען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פּוילן.

ד"ר י. צינבערג אין זײַן „געשיכטע פון דער ליטעראַטור בײַ ייִדן", דערקלערט דעם באַזונדערן כאַראַקטער פון דער השכלה אין פּוילן מיט דער שכנותדיקער לאַגע פון פּוילן צו פּרײַסן. „די אָפּטע האַנדלס־באַציִונגען מיט די וויכטיקע פּרײַסישע צענטערס — שרײַבט ער — האָבן מיטגעווירקט וואָס די השפּעה פון דער „בערלינער השכלה" האָט זיך שוין געלאָזט באַמערקן אין די אייבערשטע שיכטן פון דער וואַרשעווער קהילה בעת וואַרשע איז נאָך געווען די רעזידענץ פון דער פּוילישער מלוכה. דער דאָזיקער פּראָצעס איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן נאָך 1795, ווען וואַרשע איז, נאָך דער דריטער פּוילן־צעטיילונג, איבערגעגאַנגען צו פּרײַסן. דער האַנדלס־פאַרקער צווישן וואַרשע און בערלין האָט זיך דורך דעם באַדייטנדיק געשטאַרקט, און פיל פּרײַסישע ייִדן עפענען אין וואַרשע אייגענע געשעפטן. עס גענוגט אָנצווייזן אַז אין 1799 האָבן אין וואַרשע פונקציאָנירט דרײַצן ייִדישע בענק, מערסטן טיילס געעפנט דורך פּרײַסישע ייִדן. און סוף 18טן יאָרהונדערט ווערט אין וואַרשע געגרינדעט אַ רעפאָרמירטע „דײַטשע" סינאַגאָגע מיט דײַטשע פּריידיק..."

נאָכדעם ווי ד"ר י. צינבערג רעכנט אויס אַ רײַ פאַקטן וואָס באַשטעטיקן דאָס געזאָגטע דהיינו: אַ ווענדונג פון דער וואַרשעווער קהילה צו די בערלינער ראשי־קהילה, ווי צו „קרובים למלכות" און ווי צו אַפּוטרופּסים איבער די פּוילישע אָסט־יודען, זיי זאָלן שטיצן זייער ביטע צו דער פּרײַסישער מאַכט וועגן פאַרברייטערן זייערע בירגעררעכט; די ווענדונג פון דעם פּרײַסישן מיניסטער פּאָס צו דוויד פרידלענדער, דעם פירער פון דער בערלינער השכלה, ער זאָל זיך אַרויסזאָגן וועגן „דעם יודען־רעגלאַמענט" פון וואַרשע; אַ ווענדונג פון דעם פּוילישן ביסקופּ מאַליטשעווסקי שוין אין 1815, צו דעם זעלבן פרידלענדערן וועגן זײַנער אַ מיינונג, ווי פון אַן אָנערקענטן ייִדישן גייסטיקן פירער; די גרינדונג פון דרײַ וועלטלעכע שולן אין וואַרשע דורך דעם משכיל יעקב טיגנדהאָלד, לויטן בערלינער מוסטער; די גרינדונג פון דער צייטונג „דער באָאָבאַכטער אַן דער ווייכסל" פון אַנטאָני אייזענבאַום מיט ייִדישע אותיות אין דייטש, מיט דעם ציל „צו פאַרדרענגען דעם פאַרקריפּלטן זשאַרגאָן", די פּריווילעגיע פון דײַטש — נאָר נישט ייִדיש — בײַם לערנען רעליגיעזע לימודים אין וואַרשעווער ראַבינער־שול, וואָס האָט אין משך פון אירע כמעט פערציק יאָר עקסיסטענץ נישט אַרויסגעלאָזט קיין איין ראַבינער; די אויסגאַבע פון חומש מיטן ביאור אין מענדעלסאָנס דײַטשער איבערזעצונג, וואָס אין איר הקדמה זאָגן די אַרויסגעבער — צווישן זיי דער בעל־טאַקסע טעאָדאָר (טעבל) טעפּליץ, וואָס האָט די אויסגאַבע פינאַנצירט, — אַז דאָס וועט אָפּגעוויינען ייִדן פון זייער פאַרדאָרבענער שפּראַך, דעם ייִדישן זשאַרגאָן, און זיי העלפן זיך באַקענען מיט דער דײַטשער שפּראַך... נאָך דעם אַלעמען שטרײַכט ד"ר י. צינבערג אונטער:

„אין פּוילן ווי מיר זעען, האָט די אויפקלערונגס־באַוועגונג אָנגענומען גאַנץ אייגנאַרטיקע פאָרמען. אין דער הויפּט־שטאָט, אין

ווארשע, האָט זיך געבילדעט אַן אייבערשטע שיכט גרויס־בורזשואַזיע, ייִדישע באַנקירן, פאַבריקאַנטן, גרויסע סוחרים און זייערע אַגענטן, וואָס האָבן צוליב געשעפט זיך געניטיקט אין אייראָפּעיִשער בילדונג, האָבן זיי זיך געפירט „דײַטש", געווען אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אַסימילירט. די הויפּטמאַסע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין ווארשע גופא און בפרט אין דער פּראָווינץ, האָט זיך אָבער געפירט נאָך אויפן אַלטן שטייגער, און אַזוינע אויפקלערער ווי אייזענבאום, טעפּליץ, בוכנער וכדומה האָבן אויף זיי געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע השפעה. זיי האָבן פּאַקטיש זיך נישט געקענט צונויפרעדן, עס זענען געווען צוויי גאַנץ באַזונדערע וועלטן...

ד"ר י. צינבערג איז דערבײַ בלויז נישט פּאָרזיכטיק, ערשטנס מיט דעם פּאַראַלגעמיינערונג: „אין פּוילן, וואָס ער מוז תיכף אַליין אָפּווענדן מיט דער רעטאַליזירונג: אין דער הויפּטשטאָט, אין ווארשע", און מיט זיין ווייטערדיקן אָנווייזן אויף די גאָר אַנדערע משכילים, ווי דער אָפּאַטאָווער משכיל יעקב רייפמאַן, וואָס איז ממשיך אין פּוילן די „חכמת ישראל" פון די ברעסלויער און ווינער אָדער גאַליציאַנער משכילים; אויף חיים זעליג סלאָנימסקי, דעם ביאַליסטאָקער קלויזניק וואָס האָט שפּעטער פּאָפּולאַריזירט אין „הצפירה" העברעע מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע אין רבנישן העברעיִש צווישן ישיבה־בחורים און קעסטאײדעמס, אויף פּישל פּישעלזאָן פון זאַמאָשטש, וואָס האָט געשריבן אין ייִדיש „טעאַטער פון חסידים", וווּ עס פיגורירט אַ גאָר אַנדער מין משכיל, דער חקרן ליבעלע פילאָסאָף, וואָס איז אויסגעקאָכט אין דער מיטל־עלטערלעכער חקירה־ליטעראַטור; און צום סוף אויף שלמה עטינגער, דעם פּאַרפאַסער פון דער סאַטירישער פּיעסע „סערקעלע" און משלים אין ייִדיש, גראָד אַ געבוירענער אין ווארשע. צווייטנס, פאַרגעסט ער אָנצומערקן אַז זיין כאַראַקטעריסטיק באַציט זיך בלויז אויף דעם ערשטן פּעריאָד פון דער ווארשעווער השכלה.

פינקטלעכער איז דערין פּראָפעסאָר אַלעקסאַנדער קרויזהאַר, פאַרפאַסער פון אַ „ייִדישער געשיכטע אין פּוילן", „פראַנק און די פּוילישע פראַנקיסטן", „בערעק יאָסעלעוויטשעס זון", „קראַשעווסקים ייִדישע טיפּן" א"א.

„אין די ערשטע פּאָר צענדליק יאָר פונעם 19טן יאָרהונדערט — שרײַבט ער — איז בײַ פּוילישע ייִדן געווען אַ חלום צו רעדן פלײַסיק דײַטש און זיך פאַרשכורן מיט דעם כישוף פון שילערס פּאָעמעס". ער באַשולדיקט דערין דעם פּאַקט וואָס „די פּוילישע ייִדן האָט מען אָפּגעשטויסן פון יעדן צובונד צו דער אָרומיקער קולטור; זיי זענען געצוווּנגען געווען זיך צו ווענדן צו דעם קוואַל פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן די בשורה פון גייסטיקער אויפלעבונג, ווי זי איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין די ווערטער פון לעסינגס „נתן דער חכם". די רײַכע פּויליש־ייִדישע בורזשואַזיע האָט געמוזט שיקן אירע קינדער זיך בילדן אין די דײַטשע לערן־אַנשטאַלטן. דער ערשטער השכלה־פּעריאָד איז געגאַנגען אין די טריט פון דער יענצײַטיקער דײַטשער קולטור־ווירקונג. די ווירקונג איז אָבער בלויז געווען אַן אייבערפלעכלעכע, נישט געקוקט דערויף וואָס דער אָראַקל פון די משכילים איז געווען משה מענדעלסאָן. די ייִדיש־פּוילישע אויפקלערונג האָט נישט איבערגענומען די טיפערע גרונדלאַגעס פון זײַן לערע. די ייִדישקייט אין איר רעפאָרמירטער פאָרעם, וואָס האַרמאָניזירט זי מיט דעם צײַטגייסט, איז לויט איר דערקענטעניש געווען נישט מער ווי אַן אויסערלעכער צודעק און נישט קיין גייסטיקער בונד מיט דעם ייִדישן פאָלק".

אָבער נישט אַלעקסאַנדער קרויזהאַר און נישט ד"ר י. צינבערג זענען גערעכט דערמיט וואָס זיי באַשרענקען די פּוילישע השכלה אויף איין ייִדישן שיכט, דעם רײַכן, וואָס האָט געהאַט געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט פּרײַסן און געשיקט אַהין אירע זין באַקומען בילדונג. דער דורשט נאָך וועלטלעכן וויסן האָט זיך שנעל אויסגעברייטערט אויך אויף די אַנדערע שיכטן פון פּוילישן ייִדנטום און, אויפן ערשטן פּלאַן, אויף די ווארשעווער ייִדן.

צו ערשט האָט דער דאָזיקער דורשט צו וועלטלעכן וויסן אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן היפּשן שיכט לערנער, די ישיבה־בחורים און קלויזניקעס, אָט די וואָס זענען פאָרגעשטעלט אין פּישל פּישעלזאָנס „טעאַטער" אין דער געשטאַלט פון ליבעלע פילאָסאָף, און פון זיי און דורך זיי צו אַלץ ברייטערע שיכטן ייִדישע פאָלקסמענטשן, צו די אָרעמע קרעמערס און בעלי־מלאכות און צו דער אַרבעטערשאַפט. אָט די שיכטן האָבן דער פּוילישער השכלה געגעבן אַן אַלץ נײַעם פּנים.

אַלעקסאַנדער קרויזהאַר גופא, וואָס האָט געשריבן אין פּויליש „די געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן" וואָס האָט זיך בכלל אינטערעסירט מיט ייִדישע טעמעס אין זײַן פּובליציסטישער טעטיקייט און האָט אויך געשריבן ייִדישע לידער אין פּויליש, וועלכע ער האָט געדרוקט אינעם וואָכנבלאַט „יוטזשענקאַ" אונטער דער רעדאַקציע פון דניאל נויפעלד, איז אַ נײַער טיפּ אויפגעקלערטער פּוילישער ייִד קעגן איבער די וואָס ער כאַראַקטעריזירט אַלס פּראָדוקט פון דער מענדעלסאָנישער, ריכטיקער פון דער פּרײַסישער השכלה, וואָס איר פירער איז געווען פרידלענדער, דער אידעאָלאָג פון די רײַכע פּרײַסישע ייִדן.

אַלעקסאַנדער קרויזהאַר און זײַן אוידיטאָריע לייענער פון „יוטזשענקאַ", ווי די אוידיטאָריע לייענער פון „איזראַעלטאַ פּאָלסקאַ", וואָס האָט געהאַט די זעלבע ריכטונג, און די אוידיטאָריע פון „איזראַעליטאַ", וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון נחום סאָקאָלאָוו, זענען געווען דער אויסדרוק פון דער ייִדישער „אויפקלערונג" אין פּויליש, וועלכע איז געגאַנגען פּאַראַלעל מיט דער „השכלה" אין העברעיִש און אין ייִדיש, וואָס הייבט זיך אָן מיט חיים זעליג סלאָנימסקיס פּאָפּולאַריזאַציע פון העברעער מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע אין רבנישן סטיל פאַר ישיבה־בחורים און קעסטאײדעמלעך אין זיין „הצפירה", וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין 1862 און וואַקסט אַרײַן אין עטינגערס סאַטירע און אין י. ל. פּרצעס „ייִדישער ביבליאָטעק" און אין זײַנע „יום־טוב בלעטלעך", וועלכע האָבן שוין פאַר זיך געהאַט די אוידיטאָריע פון די פּויליש־ייִדישע און נישט נאָר פּויליש־ייִדישע אַרבעטער. דעם פּאַראַלעל קען מען זען אפילו בלויז דערין, וואָס ווען „הצפירה" האָט באַשלאָסן צו געבן אירע לייענער אַ יערלעכע בײַלאַגע, איז צווישן אַנדערע איר אויג געפאַלן אויף קרויזהאַרס ווערק „פראַנק און די פּוילישע פראַנקיסטן", וואָס רופט זיך אין נחום סאָקאָלאָווס העברעיִשער איבערזעצונג „פראַנק ועדתו".

וועגן „הצפירה" קען מען זאָגן אַז מיט איר דערשיינען, ווי מיט אירע יערלעכע בײַלאַגעס און יאָרביכער וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן „האסיף" און „לוח האסיף", האָט זי געמאַכט פון ווארשע די מעטראָפּאָליע פון דער השכלה, וואָס פריִער איז עס געווען ווין מיט אירע יאָרביכער פון דער גאַליציאַנער און ברעסלויער חכמת ישראל: „ביכורי העתים", „כרם חמד" און „אוצר נחמד" (דערשינען צווישן 1831 און 1857) און פּרץ סמאָלענסקים „השחר" אונטער דער רעדאַקציע פון זײַן ברודער לעאָן, (פון 1868 ביז 1885). אויך ווילנע, וואָס האָט, נאָך ווין, פּרעטענדירט צו ווערן די מעטראָפּאָליע פון דער השכלה מיט איר חודש־זשורנאַל „הכרמל" (דערשינען פינף יאָר נאָכאַנאַנד 1885—1889) אונטער דער רעדאַקציע פון ש. י. פין, האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם איבערגעוויכט פון ווארשע.

„הצפירה" האָט דעמאָלט צו זיך צוגעצויגן די באַרימטסטע העברעיִשע משוררים און מאמרים־שרייבער פון יענער צײַט: אליעזר הכהן צווייפל, קלמן שולמאַן, י. ל. גאָרדאָן, מענדעלע מוכר ספרים, ד"ר י. ל. קאַנטאָר, ח"י גורלאַנד, ד"ר א. א. הרכבי, א. ב. גאָטלאָבער, מ. ל. ליליענבלום, מרדכי בן הילל הכהן (מחלל), זלמן עפּשטיין, שאול פּנחס ראַבינאָוויטש (שפ"ר), נחום סאָקאָלאָוו און דוויד פרישמאַן. אין די יאָרביכער, וואָס „הצפירה" האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אונטערן נאָמען „האסיף" ווען זי איז שוין געווען אַ טעגלעכע צײַטונג און אונטער דער רעדאַקציע פון נחום סאָקאָלאָוו (דערשינען זעקס בענד), האָבן זיך שוין באַטייליקט, אחוץ די דיכטער און פּובליציסטן פון דער השכלה, ווי: פרישמאַן, גאָרדאָן, יהל"ל, קאַמינער, מאַנדעלקערן, מאַנע, קאָנסטאַנטין שאַפּיראָ, פּאָזנאַנסקי, אייזיק הירש ווייס, א. הרכבי, פּראָפ' ד. קויפמאַן, ד"ר בראַנדלער, אויך י. ל. פּרץ, שלום עליכם און מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, ווי אויך פּוילישע ליבעראַלע שרײַבער מיט איבערזעצונגען; עליזאַ אָזשעשקאָוואַ האָט געדרוקט אירע דערציילונגען און קאָזלאָווסקי זיין דראַמע „אסתר".

אינעם גייסט פון דער השכלה זענען אויך געווען די בײַלאַגעס, וואָס „הצפירה" פלעגט געבן אירע אַבאָנענטן: דאָס שוין דערמאָנטע ווערק „פראַנק ועדתו" פון אַלעקסאַנדער קרויזהאַר; „געשיכטע פון דער העברעיִשער ליטעראַטור" פון גוסטאַוו קאַרפּעלעס; „נא־

טור־געשיכטע" פון בערענשטיין; „קולטור־געשיכטע" פון יוליוס ליפערט; די שריפטן פון אברהם גייגער, ש. י. ראפאפארט, שמואל דוד לוצאטא, י. ל. גארדאן, פרץ סמאלענסקין, גרעצס יידישע געשיכטע...

אין די ערשטע צייטן פון „הצפירה" איז אריינגעטראטן אן איבעררייס פון אייניקע יאר, ווען ח. ז. סלאנימסקי איז באשטימט געווארן אלס פירער פון דער זשיטאמירער ראב־נער־שול, דערנאך אלס ווארשעווער צענזאר. א פאר יאר שפעטער ווען סלאנימסקי האט זיך באזעצט אין בערלין, האט ער אהין אריבערגעפירט די רעדאקציע פון „הצפירה" און דעמאלט האבן אנדערע געפרוווט אויספילן דעם בקויז מיט אנדערע העברעאישע אויסגאבעס: דער בוכהענדלער און שריפטשטעלער א. י. שאפירא האט אנגעהויבן ארויסצוגעבן א חודש־זשורנאל אונטערן נאמען „מגד ירחים". דער זשורנאל האט אבער נישט געהאט אונטער זיך די שטיצע פון דער ברייטער השכלה־וועלט, נישט פון אירע שריפטשטעלער און מעצענאטן און נישט פון איר אוידיטאריע. דער זשורנאל האט זיך אפגעגעבן בקויז מיט בעלעטריסטיק און האט נישט געקענט שטילן דעם דורשט פון דער „הצפירה"־לייענערשאפט צו וויסנשאפטלעכע פאפולאריזאציעס, געשיכטלעכע אפהאנדלונגען און חקירה.

אין 1879 האט זיך קיין ווארשע אריבערגעצויגן דער חודש־זשורנאל פון דעם בארימטן השכלה־טוער, דיכטער און פובליציסט אברהם בער גאטלאבער — „הבוקר אור" —, וואס איז פריער, אין משך פון צוויי יאר דערשינען אין לעמבערג. דער זשורנאל „הבוקר אור", ווי זיין ארויסגעבער און רעדאקטאר א. ב. גאטלאבער (מהללאל) פארנעמט אין דער געשיכטע פון דער העברעאישער השכלה א גאר אנגעזעען ארט. ער איז דער פובליציסטישער אויסדרוק פון דער פאלקסטימלעכער און קעמפערישער וואלינער השכלה, וואס האט אין פוילן, דערין אויך אין ווארשע, זיכער געהאט מער ווירקונג ווי די בערלינער און ווי די „פעטערבארגער", וואס האט שפעטער אריענטירט „הצפירה". ווען מען רעדט פון די השכלה־שפורן אין דער מאדערנער יידישער ליטעראטור, אדער וועגן אירע משכילישע ערשטע טריט, ווי שלמה עטינגערס ליטעראַרישע ווערק און י. ל. פרצס אנהייב, ווער שמועסט פון ליניעצקי און מענדעלע, פירט דער געדאנק צו דער וואלינער השכלה, צו אירע פארשטייער י. ב. לעווינזאן, מענדל לעפין, מ. י. ליפשיץ, י. אקסענפעלד און... א. ב. גאטלאבער.

„הבוקר אור" איז דערשינען אין ווארשע זעקס יאר נאכאנאנד. מעגלעך אז דער הויפטמאטיוו פון איבערפירן דעם זשורנאל פון לעמבערג קיין ווארשע איז געווען דאס באקוועמערע איבערשיקן אים מיט דער פאסט צו זיינע לייענער, מערסטנס אוקראינישע, פוילישע און ליטווישע יידן. נאר עס איז אויך אנצונעמען אז גאטלאבער האט אין ווארשע גופא, ווי אין די נאענטע פוילישע שטעט, דערזען די בעסערע פארזיכרונג פאר זיין זשורנאל.

אויך די חיבת ציון, די ערשטע רעאקציע קעגן דער השכלה, וואס איז געקומען פון די משכילים גופא (פרץ סמאלענסקין אינעם ווינער „השחר", וואס איז מיט א פלאגיאט פון משה העסעס אן אויסצוג פון „רוים און ירושלים" ארויסגעטראטן קעגן דער „מענדעלסאנישער השכלה"), כאטש איר הויפטקווארטיר איז געווען אדעס און איר הויפטווירקונג איז געווען אין דרום־רוסלאנד, האט נישט געקענט אויסמיידן און לאזן אויסער ווירקונג ווארשע. זי האט נישט געקענט קאנקורירן מיט „הצפירה" און האט זיך פארמאסטן מיט איר קאנקורענץ אויף דער „הצפירהס" יארביכער מיט דעם יארבוך „כנסת ישראל" אונטער דער רעדאקציע פון שאול פנחס ראבינאוויטש. די מערסטע מיטארבעטער אבער, ווי די מערסטע מאמרים און שירים אין דעם יארבוך, זענען געווען משכילישע וואס האבן געמאכט פון „כנסת ישראל" בלויז א נייעם מין השכלהכער. ענלעך צו „כנסת ישראל" איז געווען „כנסת הגדולה", וואס פראדוקט. פון „כנסת ישראל" זענען דערשינען בלויז דריי יארביכער, איז רעדאקטירט געווען פון יצחק סאקאלאוו און איז דערשינען צוויי יאר נאך אנאנד נאכן אונטערגאנג פון „כנסת ישראל".

א קאנקורענץ־פרווו קעגן „הצפירה" און איר „האסיף" האבן אויך געמאכט די ארטאדאקסישע ווארשעווער משכילים מיט זייער יארבוך „הכרם", אונטער דער רעדאקציע פון אליעזר אטלאס. אויך דער מין השכלה־פראדוקט האט נישט געהאט קיין לאנגע יארן. דערשינען איז פון אים נישט מער ווי איין באנד.

„הצפירה" און אירע יארביכער און ביילאגעס האבן געהאט צוויי גרויסע פליוסן, וואס האבן מנצח געווען אלע קאנקורענץ־פרוון: פון איין זייט די וועלטלעכקייט, סיי אינעם אויפקלערערישן זין און סיי אינעם זינען פון ברייטקייט נחום סאקאלאווס טעגלעכער לייט־ארטיקל איבער וועלט־פאליטיק אונטערן קאפ „דברי הימים", און פון דער אנדער זייט — די שטיצע פון די פעטערבורגער מעצענאטישע חברות (מיר מיינען דא נישט קיין פינאנציעלע שטיצע וועגן וועלכער מען קען נישט רעדן אן באווייזן, נאר אן שום ספק זייער געזעלשאפטלעכע שטיצע): די חברה מפיצי השכלה מיט איר אפטיילונג פון די חובבי שפת עבר, וואס איז געווען די ארויסגעבערן פון י. ל. גארדאנס, סמאלענסקיס און אזוי ווייטער ווערק אין העברעאיש, וועלכע „הצפירה" האט געגעבן אלס ביילאגע, און די „חברה פאר דער פארשפרייטונג פון מלאכה און ערדארבעט ביי יידן", וואס זי איז אויך געווען די רוסישע אפטיילונג פון יק״א, די וואס האט אנגעפירט מיט דעם באראן הירש־ווערק אין רוסלאנד, אין גאליציע, ארגענטינע, בראזיל און נארדאמעריקע.

די רוסישע השכלה איז פון אירע פריע יארן (זינט די שקלאווער שתדלנים ביי קאטערינע דער צווייטער) פארבונדן מיט דעם געדאנק פון יידישער פראדוקטיוויזאציע ווי מיט דעם געדאנק פון יידישער גלייך־בארעכטיקונג, אלן פאלס פון יידישער רעכט־אויסברייטערונג, אז מען זאל האבן גענוג מאטיוו צו קלערן אז אונטער דער צארישער הערשאפט זאלן יידן משכילים אין פוילן נעמען דאנקען מיט די זעלבע אימפעראטיוון ווי די רוסישע משכילים. עס איז דעריבער נישט נייטיק צו זוכן קיין אנדער בארעכטיקונג פאר אזעלכע דערשיינונגען ווי דער „הצפירהס" פראפאגאנדע פאר מלאכה, אנהייב די נייינציקער יארן פון פארגאנגענעם יארהונדערט, אדער פאר איר אייפערדיקער פראפאגאנדע לטובת דער ארגענטינישער קאלאניזאציע פון יידן איבער די אנהענגער פון ישוב ארץ ישראל.

מנצח געווען האבן איבער „הצפירה" אלס ווארשעווער פעסטונג פון דער השכלה, צוויי גרויסע געזעלשאפטלעכע דערשיינונגען; פון איין זייט דער אנקום און דער אויסבראך פון דער רוסישער רעוואלוציע אין 1905, און פון דער צווייטער זייט דער אויפקום פונעם פאליטישן ציוניזם.

די רעוואלוציע פון 1905 האט געשטויסן די מעצענאטן פון מציפע השכלה און חובבי שפת עבר, ווי די מעצענאטן די פארשפרייטער פון מלאכה און ערדארבעט ביי יידן, צו נייע טעטיקייטן, צו די כאראקטעריסטישע פאר זיי נייע חברות; „חברה פאר דער דערגרייכונג פון גלייך־בארעכטיקונג פאר יידן" און „חברה צו פארשפרייטן דעם אמת וועגן יידישן לעבן און פירונגען". די ערשטע איז געווען געווענדט מיט דעם פנים צו דער פארטיי פון די רוסישע קאנסטיטוציאנאליסטן־דעמאקראטן (קאדעטן) און די צווייטע מיט דעם פנים — צו דער צארישער נאטשאלסטווא, וואס האט פארשטארקט איר אנטיסעמיטישע טעטיקייט, פשוטער גערעדט, פאגראמיסטישע, אין שייכות מיט די צארישע מפלות קעגן יאפאן און מיט די שטרייקן און רעוואלוציאנערע מאניפעסטאציעס אינעם הינטערלאנד. צו דער טעטיקייט האט מען באדארפט מאביליזירן די ברייטע יידישע מאסן אין גאנץ רוסלאנד און צו אזא מאביליזאציע האט נישט געטויגט קיין העברעאישע צייטונג און נישט איר אוידיטאריע פון קלויזניקעס. דערצו האט זיך געגרינדעט „דער פריינד" אין פעטערבורג, וואס איז שפעטער אריבערגעפירט געווארן אינעם סאמע געדיכטעניש פון יידישן לעבן: ווארשע. און „הצפירה" האט איר לעבן אויסגעהויכט אינעם סאמע ברען פון דער דאזיקער רעוואלוציע. אפיציעל איז זי געשלאסן געווארן פון דער מאכט. נאר ווען זי האט מיט פיר יאר שפעטער אנגעהויבן צו דערשיינען, איז איר לעבן שוין קיין לעבן נישט געווען.

נישט ווייניק האט אויך געהאלפן דעם פאלן פון דער דאזיקער השכלה־פעסטונג דער אויפקום פונעם פאליטישן ציוניזם, דערמיט וואס ער האט צעטריבן די אוידיטאריע אירע, פון קלויזניקעס, וועמען צו די אלגעמיינע און וועמען צו די פראלעטארישע ציוניסטן,

װעמען צום „בונד", צו פּפּ"ס, פּס"ד און אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

גאָר אַנדערע שרײַבער און גאָר אַנדערע לייט־אַרטיקלען, אפילו גאָר אַנדערע פּאָפּולאַריזאַציעס פון װיסנשאַפט און טעכניק האָבן זיך באַװיזן אינעם „פריינד": אָנשטאָט די התפעלות פאַר גלאַדסטאָנס פּאָליטיק און דער קעניגין װיקטאָריעס נצחונות פון דער ענגלישער אימפּעריע, אָנשטאָט סאָקאָלאָװס חידושים אין העברעיש־אַרטיקלען װעגן די פאָדערונגען װאָס ייִדן שטעלן צו זיך װי צו אַ געזעלשאַפטלעכן כוח און צו דער מלוכה, אויך די ליטעראַטור איז אין איר געװען אַן אַנדערע; אויפן מוסטער פון די רוסישע פּעליעטאָניסטן, קוים פאַרמאַסקירטע רעװאָלוציאָנערע סאַטירעס, צוליב צענזאָר־מאָטיװן: שלום עליכמס פּאַראָדיע אויף דער דורכגעפאַלענער צאַרישער מלחמה אין מאַנדזשוריע „דער פעטער פּיניע און די מומע רייזע", יעקב דינענזאָנס „שמשון שלמה און זײַנע פערד"...

באַװיזן האָבן זיך די פּאַרטיי־אויסגאַבעס מיט זייערע טעאָרעטישע װכּוחים. און דאָס איז געװען דער סוף פון דער השכלה אין װאַרשע, נאָך װעלכער עס איז געקומען די ייִדישיסטישע עפּאָכע מיט אירע צײַטונגען און שרײַבער: די פרוכט פון דער אָנגעקומענער און דורכגעפאַלענער רעװאָלוציע.



מיראָװער האַלעס אין װאַרשע

**נח פרילוצקי**

# צו דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין וואַרשע

די יידישע אינטעליגענץ האָט ביז גאָר דער לעצטער צייט זיך באַצויגן צו יידיש־טעאַטער ווי צו אַ שטיפקינד, דעריבער איז ביז איצט נאָך גאָרנישט אָפּגעטון געוואָרן פאַר דער אויספאָרשונג פון זיין געשיכטלעכער אַנטוויקלונג.

נאָר צופעליק באַווייזן זיך דאָ און דאָרט קורצע מאָנאָגראַפיעס אָדער נאָטיצן, וואָס אַנטפּלעקן אינטערעסאַנטע איינצלנע מאָמענטן אין דער אומבאַקאַנטער געשיכטע פון דער יידישער בינע.

אזוי זענען מיט עטלעכע יאָר צוריק אין פּריצייטיק אומגעקומענעם וואָכנבלאַט „די טעאַטער־וועלט” דערשינען עטלעכע אַרטיקלען וועגן יידיש טעאַטער אין איטאַליע אין 17טן יאָרהונדערט, און אין דייטשלאַנד אין אָנהייב פון 18טן י״ה.

אַ ביסל מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון דער יידישער בינע אין וואַרשע געפינען מיר אין ערשטן באַנד פון דעם נייעם פּערטליאַר־בוך, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין וואַרשע אויף פּויליש און איז געווידמעט דער פאָרשונג פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט אין פּוילן (ווערט אַרויסגעגעבן, ווייזט אויס, מיט דער שטיצע פון דער יידישער גמינע). דאָס זענען דריי היסטאָרישע דאָקומענטן, וועלכע מיר ברענגען דאָ אין אות־באַותעדיקער איבערזעצונג.

## 1. דער דאָזאָר צום וואַרשעווער פּאָליצמייסטער דעם 8טן מאַרץ 1837

„צום דאָזאָר איז דערגאַנגען אַ ידיעה אַז עטלעכע יידן זענען זיך משתדל מען זאָל זיי דערלויבן דעם קומענדיקן פּורים פאָרצושטעלן אַ סצענישע שוישפּיל אין דער יידיש־דייטשער שפּראַך, — דער אָנגעזעענער רב און אַ סך אַנדערע מיטגלידער פון דער היזיקער קהילה האָבן זיך געווענדט מכוח דעם צום דאָזאָר בוזשניטשי, און דער לעצטער האָט די ערע צו בעטן דעם געשעצטן גענעראַל, ער זאָל זיך רעכענען דערמיט, דאָס אַזאַ פאָרשטעלונג, נישט נאָר וואָס זי האָט נישט קיין שום מאָראַלישן איינפלוס אויף די געמיטער פון די צוהערערס, נאָר פאַרקערט, זי איז אַן אומאָנשטענדיק אָפּשפּעטעניש וואָס שטופּט צו דעמאָראַליזאַציע, און דאָס איז לויט די רעליגיעזישע דינים שטרענג פאַרבאָטן. — און זאָל באַוויליקן נישט צו דערלאָזן אַזעלכע פאָרשטעלונגען זאָלן פאָרקומען, ווי אויך אַזוי גוט זיין, אויב עס וועט נייטיק זיין, פאַרצושטעלן וואו מ'באַדאַרף, אַז אויך אַן אַנדער מאַכט זאָל נישט אַרויסגעבן דערויף אַ דערלויבעניש”.

מיטגליד פון דאָזאָר בוזשניטשי — א. פּאַפּראָצקי

## 2. דער דאָזאָר צום וואַרשעווער וויצעפּרעזידענט דעם 17(29)טן מאַרץ 1839

„היות דער קאַרנאַוואַל האָט זיך ביי יידן שוין לאַנג געענדיקט, און דערצו נאָך איז אַ מינהג אין די יידישע קהילות אַז נאָך דער פּטירה פון אַזאַ אויסגעצייכנטן רב ווי דער פאַרשטאָרבענער שלומה ליפּשיץ איז געווען, זאָל הערשן אַ געוויסער טרויער אין משך פון עטלעכע וואָכן, מחמת דעם איז דער דאָזאָר בוזשניטשי דרייסט צו בעטן אַז דער הויכגעבוירענער ה' גענעראַל זאָל באַוויליקן נישט צו דערלאָזן אויף ווייטער די פאָרשטעלונג פון טעאַטער־שטיק אין דער יידישער שפּראַך. איבער הויפּט ווי דער דאָזאָר האָט שוין געהאַט די ערע פריער פאָרצושטעלן אַז נישט נאָר וואָס דאָס האָט נישט קיין מאָראַלישן ציל, נאָר פאַרקערט, עס ווערט אַ סיבה צו דעמאָראַליזאַציע און פאַרדאָרבונג. וועגן גיכן רעזולטאַט האָט דער דאָזאָר די ערע צו בעטן”.

## 3. דער וואַרשעווער אָבער - פּאָליצמייסטער צום דאָזאָר בוזשניטשי דעם 1טן אַפּריל 1840

„אַלס תשובה אויף דער פאָרלייגונג פון דאָזאָר בוזשניטשי, פון 10טן פון היינטיקן מאָנאַט לויט נ' 155, גיט צו וויסן: היות די מיינונג פון דעם דאָזיקן דאָזאָר, וואָס ער האָט אויפגעשריבן אויף דער ביטע פון ייד דוויד העלין, וועלכע יענער האָט דערלאַנגט דעם 13טן פעברואַר פון היינטיקן יאָר וועגן אַ דערלויבעניש צו געבן 15 דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען אין דער יידישער שפּראַך, איז געווען נישט גינסטיק; ווען דער דאָזיקער דאָזאָר האָט אָנגעשריבן אַז די שוישפּיל וואָס ווערט געגעבן אין דער אומריינער שפּראַך מאַכט נישט קיין מאָראַלישן איינדרוק אויפן געמיט פון די צוהערערס, נאָר פאַרקערט, ווערט אַן אומאַנשטענדיק געשפּאַט וואָס פירט צו דעמאָראַליזאַציע און שיקאַנע — דעריבער האָט דער הויכגעבוירענער ה' גענעראַל־אַדיוטאַנט שיפּאָוו, וואָס דערפילט די פליכטן פון מיליטערישן גובערנאַטאָר פון דער שטאָט וואַרשע, פאַרשטעלנדיק דעם דאָזיקן אומשטאַנד זיין דורלויכט דעם פירשט פעלדמאַרשאַל, אין נאָמען פון זיין פירשטלעכער מאַכט באַפוילן צו וויסן צו געבן דעם ייד דוויד העלין, דורך דער קאַנצעלאַריע פון דער וואַרשעווער פּאָליציי, אַז אויב אַזעלכע פאָרשטעלונגען קענען ווירקלעך אַרויסרופן עפּעס אַן אומצופרידנקייט ביים דאָזאָר בוזשניטשי, אָדער זענען קעגן דער יידישער רעליגיע, איז בעסער אָפּצוזאָגן העלינס ביטע, ביז ער וועט נישט אויספועלן אַ דערלויבעניש ביי דעם דאָזיקן דאָזאָר”.

אָט אַזוי איז מיט 72 יאָר צוריק דערשטיקט געוואָרן דער אָנהייב פון יידישן טעאַטער אין וואַרשע. עס איז נישט קיין נייס אַז, ווי איבעראַל ביי אַלע פעלקער אין אייראָפּע, האָט אויך דער יידישער פרומער קלאַס קרום געקוקט אויף דער דראַמאַטישער קונסט. ס'איז גענוג צו דערמאָנען דעם צער וועלכן עס האָט אין 17טן יאָרהונדערט אַרויסגעוויזן ר' שמואל אבוהב פון וועראָנע, ביי דער ידיעה אַז אין ווענעדיג האָט זיך געעפנט אַ יידיש טעאַטער.

כלערליי אָנשיקענישן האָט די יידישע פאָלקסבינע געהאַט אויסצושטיין אינעווייניק אין יידישן געטאָ. אָבער אָנגענעם איז צו פאַרצייכענען אַז דער קאַמף איז שטענדיק געווען אַ היימישער. די וואַרשעווער פּרנסים האָבן די ערשטע, דאַכט זיך, פון אַלע קעגנערס וואָס דאָס יידישע טעאַטער האָט ווען נישט איז געהאַט אין דער יידישער גאַס אַריינגעמישט אין קריג אַן אויסערלעכן עלעמענט, די פּאָליצייאישע מאַכט, ביים פּאָליצמייסטער, ביים וויצעפּרעזידענט פון דער שטאָט, געזוכט שטיצע און פאַרטיידיקונג פאַר די געשטערטע „דינים פון דער יידישער רעליגיע”... נישט מיט אַ מאָל האָט זיך איינגעגעבן דער שענדלעכער „נצחון”.

אַ מסירה אין 1837טן יאָר, ווי עס שיינט, איז געבליבן אָן רעזולטאַט.

אַ מסירה אין 1839, — וואָסער פּעולה זי האָט געהאַט קען מען פון די אויבן געדרוקטע דאָקומענטן נישט וויסן.

אין יאָר 1840 בעט איינער דוויד העלין אַ דערלויבעניש אויף 15 פאָרשטעלונגען. זיין בקשה ווערט איבערגעשיקט צום דאָזאָר, די

פרנסים זאָלן זייער מיינונג וועגן דער זאך ארויסזאָגן. פריער פלעגט דאָס, משמעות, נישט געטאָן ווערן; די צענזור פון דער גמינע איז שוין, ווי עס שיינט, א פועל יוצא פון די ערשטע צוויי מסירות. און די פרנסים ענטפערן, פארשטייט זיך, אז פאָרשטעלונגען אין דער „אומריינער שפראך" קענען דורכוים נישט דערלאָזט ווערן.

אינטערעסאנט איז דער פרוש וואָס די רעדאקציע פון דעם פערטליאָר־בוך גיט צו צו די פאָרעפנטלעכטע דאָקומענטן: — „פון דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענץ — זאָגט זי — וואָלט מען געקענט דרינגען, אז דאָ איז געגאנגען אויסשליסלעך וועגן דער טראַדיציע און וועגן דער יידישער רעליגיע. פון אנדערע קוועלן איז אָבער באַוואוסט אז אין ווארשע, אין עטלעכע פריוואטע הייזער וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער יידישער אינטעליגענץ, זענען דעמאָלס פאָרגעקומען פאָרשטעלונגען אויף ריין לשון קודש, און צווישן די צושויערס זענען אויך געווען מיטגלידער פון דאָזאָר.

עס איז זיך צו חידושן אויך אז מיטן פראָטעסט איז אַרויסגעטרעטן דער מיטגליד פון דאָזאָר אַברהם פאפּראָצקי, א לערער פון דער ראַבינער־שול, א מענטש א ליכטיקער און א געבילדעטער, אַן איידעם פון אַנטאָן אייזענבוים, דירעקטאָר פון דער זעלבער שול. עס האָבן דאָ אָן שום ספק, געמוזט אריינגיין אין חשבון נאָך אַנדערע טיפערע מאָטיוון, אויסער ריין רעליגיעזע: מאָטיוון, וועלכע מ'האָט פון דעסט וועגן, אָפן נישט אָפּגעדעקט".

ס'איז אָבער גאָר נישט שווער זיך אָנצושטויסן, וואָסערע מאָטיוון דאָס האָבן געקענט זיין. דאָס זענען געווים געווען די זעלבע מאָטיוון צוליב וועלכע איינער פון די פרנסים פון אונדזער צייט האָט ליבער געוואָלט זען אין זיין מויער א „פריילעך הייזל" איידער יידיש טעאַטער.

(אַרויסגענומען פון די „זאַמל-ביכער פאַר יידישן פאָלקלאָר, פילאָלאָגיע און קולטור-געשיכטע" 1טען באַנד, וואַרשע 1912).



קראַשינסקיס גאָרטן

**אפרים קופפער** (ווארשע)

# בער מייזעלס טעטיקייט אין ווארשע (1856 —1870)

## מייזעלס אָנקומען קיין וואַרשע

**אין יאָר 1856 האָט מייזעלס פאַרלאָזט קראָקע, וואו ער האָט געלעבט 35 יאָר און במשך פון 25 יאָר אָנטיילגענומען אין קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן און פאַר די רעכט פון די יידן. מייזעלס איז אָנגעקומען קיין ווארשע — אין דער שטאָט, וואָס איז געוואָרן דער צענטער פון דער נאַציאָנאַל־באַפרייערישער באַוועגונג** פון קאָנגרעס־פּוילן — איבער־צונעמען דעם אמט פון הויפּט־רב אויף דער איינלאַדונג פון דער ווארשעווער יידישער קהילה.

דער עקאָנאָמישער מצב פון די יידן אין ווארשע, ווי אין גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן, איז אין יענער צייט געווען א שווערע. די באַשעפ־טיקונגס־סטרוקטור פון די ווארשעווער יידן ארום דער העלפט פון נײַנצטן י"ה איז געווען אזא:

| | האנדל | אינדוסטריע און האנדווערק | לאנדוו. | ארבעטער | הויזדינסט | פרייע פראפ. | אנדערע פראפ. און אן פראפ. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צאָל | 23,044 | 10,975 | 265 | 2,650 | 3,070 | 2,576 | 4,654 |
| % | 48,7 | 28,1 | 0,5 | 6,0 | 6,5 | 5,6 | 9,6 |

פון דער טאַבעלע איז צו זען, אז כמעט א העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געלעבט פון האנדל און כמעט א פערטל — פון אינדוסטריע און האנטווערק. דערביי דאַרף ווערן אונטער־געשטראָכן אז אויך אין ווארשע איז געווען א באַדייטנדיקע צאָל יידישע פאַבריק־ארבעטער, און א טייל פאַבריקן האָבן שוין באַ־שעפטיקט צו 200 יידישע ארבעטער.

אן אנדערער מקור גיט אָן די אַלגעמיינע צאָל פון יידישע הענדלער אין יאָר 1862 אויף 22,214. דערביי ווערט אָנגעגעבן אַן אינטערעסאַנטע פונאַנדערגלידערונג פון יידישן סוחרטום. פון דער צאָל האָבן זיך 6,718 אָדער 30 פּראָצענט פאַרנומען מיט קרעדיט (באַנקירן) און הורטהאַנדל; 2,694 אָדער צוועלף פּראָצענט — מיט שענקעריי, ווײַנהאַנדל, אכסניות אד"גל. און די איבעריקע 12,802 ד"ה 58 פּראָצענט — מיט קליינהאַנדל (קרעמערס, פאַכטער און פאַרמיטלערס). פון די ציפערן דרינגט ארויס אז העכער צוויי דריטל פון די יידישע סוחרים אין דער הויפּטשטאָט זענען געווען אָרעם אין קאַפּיטאַלן.

עס דאַרף אָבער אונטערגעשטראָכן ווערן, אז איין דריטל פון די ווארשעווער רייכע יידישע באַנקירן און סוחרים האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א זייער וויכטיקן עלעמענט, וואָס אַנטוויקלט אין א ברייטן און מאָדערנעם פאַרנעם דעם באַנקוועזן און גרויסהאַנדל אינעם וויכטיקסטן צענטער פון לאַנד, אין ווארשע. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אז אינעם האנדל מיט אויסלאַנד האָבן זיי פאַרנומען 65.3 פּראָצענט און אינעם קאָמיס 66 פּראָצענט. אויף 24 גרעסערע באַנקהייזער זענען געווען 4 קריסטלעכע און 20 יידישע.

די רעכטלעכע לאַגע פון די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן אין דער צייט איז געווען א קלאָגעוודיקע. אַלע פּראָיעקטן, וואָס זענען אויס־געאַרבעט געוואָרן ארום דער פראַגע פון גלייך־באַרעכטיקונג פאַר יידן זינט 1807 יאָר, ד"ה פון דער צייט ווען מען האָט אויסגע־מיטן די יידן אין דער קאָנסטיטוציע פון „ווארשעווער פירשטענ־טום" און אין די „קאָמיסיעס פאַר יידישע ענינים", וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן אין קאָנגרעס־פּוילן (אַדאַם טשאַרטאָריסקיס רע־פאָרם־קאָמיטעט, נאָוואָסילצאָווס פּראָיעקט), ביז די ישועות וועלכע **האָבן געזאָלט קומען פון טורסעלס געשאַפענעם „קאָמיטעט צו** פאַרשן די יידנרעכט פון קרוין־פּוילן און „ קייזערטום־לענדער", און ביז די סאַמע לעצטע האָפענונגען, וואָס א טייל יידן האָבן פאַר־בונדן מיט אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס קומען אויפן טראָן, — האָבן קיין וועזנטלעכע ענדערונג נישט געבראַכט.

אמת, פאַר דער יידישער גרויס־בורזשואַזיע זענען געמאַכט גע־וואָרן אויסנאַמען, און זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו די א"ג בירגער־רעכט, אָבער די ברייטסטע יידישע מאַסן און בפרט די יידישע יוגנט, און אין דער ערשטער ריי די אַקאַדעמישע יוגנט, האָבן גע־מוזט זוכן אַן אויסוועג פון דעם אויסנאַמס־צושטאַנד, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען.

דעם אויסוועג האָבן געוויזן די יידיש־פּוילישע פּאַטריאָטן אי־נעם געמיינזאַמען נאַציאָנאַלן באַפרייאונגס־קאַמף פון די פּאָליאַקן און יידן אין פאַרקנעכטעטן פּוילן פאַר נאַציאָנאַלער און בירגער־לעכער גלייך־באַרעכטיקונג.

אין אזא מצב האָט מייזעלס געטראָפן די ברייטסטע יידישע פאָלקסמאַסן אין קאָנגרעס־פּוילן און דעם איבערוויגנדיקסטן טייל פון דעם איבער 40,000 יידישן יישוב אין ווארשע. שוין אין דער ערשטער דרשה זיינע האָט ער זיך גענעבן צו דערקענען, אז ער נעמט אויף זיך נישט בלויז די אויפגאַבע פון א גייסטיקן, נאָר אויך א פּאָליטישן מנהיג פונעם יידנטום אין פּוילן. אין זיין דרשה האָט ער גערופן די יידן אין ווארשע צו לעבן בשלום און מאַכן א סוף צו קנאה־ושנאה. אָבער דאָס זענען נישט געווען קיין גלאַט ווערטער פון א רודף־שלומניק, און זיין רוף האָט נישט געקלונגען אלט־בנייש, ווייל גאָט האָט ליב שלום, נאָר „ווייל דער בישותפותדיקער שונא נוצט אויס די אינע־לעכע ארומרייסענישן פאַר אייגענע צילן". ווער ס'איז דער שונא, האָט מען אין ווארשע גוט פאַרשטאַנען. אָט די דרשה קאָן פאַקטיש באַטראַכט ווערן ווי דער ערשטער רוף פון נייעם הויפּט־רב צו די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן, צום קאַמף קעגן דעם צאַ־רישן אָקופּאַנט, וועלכער איז דער שונא פון די יידן און פּאָליאַקן. מייזעלס האָט אָבער געוווּסט, אז מיט בלויז דרשות קען מען נישט דורכפירן קיין ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער פּאָליטיק פון די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן.

קודם־כל מוז מען אַרייַנפירן ענדערונגען אין דער טעטיקייט פון דער ווארשעווער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג. מען מוז אַריינ־נעמען אין איר ארבעטספּלאַן דעם קאַמף קעגן דער יידישער פּאָלי־

טישער רעכטלאָזיקייט. אין איינקלאַנג דערמיט האָט מייזעלס שוין אין תחילת פון זיין אמטירן, ד"ה אין יאָר 1856, צוגעשיקט צום פּאָרזיצער פון דער ניי־געווײלטער קהילה־פאַרוואַלטונג, מאַטיאַס ראָזען, א בריוו אין וועלכן ער ווייזט אָן, אַז מען קאָן נישט האָפן מילדער צו מאַכן די פיסקאַלישע גזירות כל־זמן עס בלייבט די פּאָליטישע רעכטלאָזיקייט. כדי צו קאָנען אָנהייבן דעם פּאָליטישן קאַמף, איז — לויט מייזעלסן — נייטיק:

1. איבערצורייסן מיט דער שתדלנישער טאַקטיק פון די וואַרשעווער יידן, וואָס איז באַשטאַנען אין „אָפּשרייען גזירות דורך מענטשן מיט פרעסטיזש און מיט קאָנטאַקט אין די הויכע פענצטער".

2. די וואַרשעווער קהילה־פאַרוואַלטונג דאַרף אָנהייבן אַ קאָאָרדינירטע אַקציע און אַרויסטרעטן נישט בלויז ווי אַ פאָרשטייער פון דער וואַרשעווער קהילה, נאָר ווי אַ „מוטער־קהילה" פון אַלע יידישע קהילות אין פוילן.



הרב דוב־בער מייזעלס

פּאָרטרעט פונעם פעריאָד פון יאַנואַר־אויפשטאַנד

דער נייער וועג, וועלכן עס האָט אָנגעוויזן מייזעלס, איז געוואָרן אָנגענומען דורך דער קהילה־פאַרוואַלטונג. דערויף זאָגן עדות די 4 מעמאָראַנדומס, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן צו די מאַכטאָרגאַנען אין משך פון צוויי יאָר (אויף די מעמאָראַנדומס איז דער ערשטער געחתמעט מייזעלס, ערשט דערנאָך קומט די אונטערשריפט פונעם ראש־הקהילה).

די מעמאָראַנדומס פאַרמאָגן אַ ריי פאַלשע אַרגומענטן, אָבער איינציייטיק אַ ריי אַזעלכע אַרגומענטן, וועלכע דאַרפן אונטערגעשטראָכן ווערן, ווי למשל:

1. דאָס אונטערשטרייכן די היסטאָרישע רעכט פון די יידן אין פוילן צו דער פוילישער ערד;

2. דאָס קלאָרע דערקלערן פאַר דער רוסישער מאַכט, אַז די יידן אין פוילן באַטראַכטן זיך פאַר אַן אינטעגראַלן טייל פונעם פוילישן נאַציאָנאַלן כלל;

3. דאָס אָפּוואַרפן דאָס באַשענקען מיט רעכט און פּריווילעגיעס „פאַרדינטע יחידים";

4. דאָס אַרויסהייבן די פאַרדינסטן פונעם יידישן אַרבעטער און האָרעפּאַשניק ווי אַ וויכטיקן מאָמענט ביים אויסקעמפן בירגעררעכט פאַר די יידישע פאָלקסמאַסן;

5. דער לייטמאָטיוו פון אַלע צוגעשיקטע מעמאָראַנדומס איז דער פּראָטעסט־אויסדרוק קעגן דעם אויפגעצוואונגענעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן געטאָ פון די יידן אין פוילן, וואָס איז אַ פּועל־יוצא, ווי עס שטרייכט אונטער דער ערשטער מעמאָראַנדום פון יאָר 1856, פון דער יידישער רעכטלאָזיקייט.

עס איז קלאָר, אַז די מעמאָראַנדומס האָבן נישט געקאָנט געבן קיין ממשותדיקן רעזולטאַט, ווייל נישט בלויז די אַרויסגערוקטע פאָדערונגען און זייערע מאָטיווירונגען זענען נישט געווען אָננעמבאַר פאַר דער צאַרישער מאַכט, נאָר שוין דאָס בלויזע נעמען זיך דורך דער וואַרשעווער קהילה דאָס רעכט צו רעדן אין נאָמען פון די יידן אין קאָנגרעס־פוילן איז זיכער באַטראַכט געוואָרן ווי אַ בונט. עס דאַרף אָנגעוויזן ווערן, אַז נישט בלויז די אָקופּאַנטישע מאַכט איז נישט מסכים מיט די יידישע מעמאָראַנדומס, נאָר אויך ביי די הויכע פוילישע באַאַמטע פון דער וואַרשעווער אָקופּאַנטישער רעגירונג האָבן די דרייסטע יידישע פאָדערונגען אַרויסגערופן אויפרעגונג, און זיי האָבן גענומען אויף זיך די מיסיע אַרויסצוטרעטן קעגן די יידישע פאָדערונגען און אָפּענטפערן דער וואַרשעווער קהילה. אין דער זעלבער צייט האָט די וואַרשעווער פּרעסע („גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ"), און אפילו אַ טייל פון דער עמיגראַנטישער פּרעסע, אויפגעהויבן אַן אַנטי־יידישע העצע. אויך פון דער פּראָווינץ זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען. אין שטעטל טורעק איז אפילו געקומען אום יום כיפור צו אַ פּאָגראָם. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט באַוויזן אָפּצושוואַכן מייזעלס גלויבן אינעם זיג פון זיין הויפּט־אידעע, וואָס ער האָט געשטעלט פאַר זיך: מיטצואווירקן צו דער פאַרברידערונג פון די יידן און פּאָליאַקן, וואָס זאָל דערמעגלעכן אויפצוהייבן אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן דעם הויפּט־שונא, דעם צאַרישן אָקופּאַנט.

ד"ר מאַרקוס יאַסטראָוו דערמאָנט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער יענע צייט, ווען ער איז אָנגעקומען קיין וואַרשע (1858) און האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן פאַר אַ דערנענטערונג צווישן יידן און פּאָליאַקן. ער שרייבט וועגן מייזעלס טעטיקייט אין דעם פּעריאָד אַט וואָס:

„דער וואַרשעווער רב מייזעלס האָט מיך אין דער זאַך פון דער יידיש־פּוילישער פאַראייניקונג אונטערשטיצט און, בעסער געזאָגט, ער איז געווען מיין פּאָרגייער, וועלכן עס איז דערנאָך אויסגעקומען צו פאַרלאָזן צוזאַמען מיט מיר דאָס אָרט וואו ליבע און איניקייט איז געווען דער העכסטער ציל, צו וועלכן ער (מייזעלס) האָט געשטרעבט. אָט די ליבע און איניקייט איז דער פּרעכטיקסטער דענקמאָל, וועלכן ער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט . . ."

מייזעלס האָט באַשלאָסן נישט צו באַנוגענען זיך בלויז מיט פּראָפּאַגירן די פאַרברידערונג־אידעע, נאָר איבערצוגיין אויך צו מעשים. אין יאָר 1858 האָט מייזעלס פאַראָרדנט איינצופירן דעם לימוד פון פויליש און חשבון אין די תלמוד־תורות, וועלכע זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער קהילה און האָבן זיך געפונען אונטער זיין, מייזעלס, קאָנטראָל. דער באַשלוס זיינער האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג נישט בלויז פאַר וואַרשע, נאָר אויך פאַר אַ סך יידישע קהילות אין דער פּראָווינץ. שטיצנדיק זיך אויפן אויטאָריטעט פון מייזעלסן, האָבן זיי איינגעפירט דעם לימוד פון פויליש אין די תלמוד־תורות.

מייזעלסן איז נישט לאַנג אויסגעקומען צו וואַרטן אויף דער פויליש־יידישער דערנענטערונג און אויף זייער געמיינזאַמער אַקציע קעגן דער אָקופּאַנטישער מאַכט. אָנהייב 1859 האָט די אַנטיסעמיטישע העצע דערגרייכט איר קולמינאַציע־פּונקט. דאָס איז געווען דער

אנגריף פון די אַנטיסעמיטישע רעדאַקטאָרן פון דער „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ" לעשניעווסקי און קעניג. דער אַנגריף איז — לויט מייזעלס רעוועלאַציעס — פּלאַנירט געוואָרן דורך זיי צוזאַמען מיט דעם טרויעריק־באַרימטן דירעקטאָר פאַר אינערלעכע ענינים, מוכאַנאָוו. די הייסטע פּאָליציי־פּאַרטעטער צוזאַמען מיט די הויכע צאַרישע באַאַמטע האָבן מיט זייער אַנטיסעמיטישער פּרעסע־אַקציע געצילט צו שאַפן אין וואַרשע אַזאַ שטימונג, אַז די וואַרשעווער יידן זאָלן אַריינגעצויגן ווערן אין אַ קאַמף קעגן די פּאָליאַקן און ממילא זיך קעגנשטעלן די פּוילישע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען. וועגן די „דערגרייכטע דערפאָלגן" האָט דער שטעל־פאַרטרעטער פון נאַמיעסטניק גענעראַל־גובערנאַטאָר פּאַניוטין, מיטגעטיילט קיין פּעטערבורג. זייערע פאַרדעטערישע כוונות זענען דעמאַסקירט געוואָרן דורך די רוסישע און פּוילישע דעמאָקראַטישע פירער פון יענער צייט. דער באַוואוסטער רוסישער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַט הערצען איז אַרויס מיט אַן אַרטיקל אין זיין „קאָלאָקאָל", אין וועלכן ער קריטיקירט שאַרף די פּוילישע אַנטיסעמיטן און דעמאַסקירט זיי ווי אַזעלכע, וואָס פירן זייער אַנטיסעמיטישע אַרבעט אונטערן שוץ פון די צאַרישע באַאַמטע. אויך דער גרייז־גראָער לעלעוועל איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ גרעסערן בריוו, וועלכן ער ענדיקט מיט די ווערטער: „ווען אין יאָר 1794 האָט אַ פאַרצווייפלונג אַרומגעכאַפּט די הויפּטשטאָט, האָבן יידן נישט אַרויסגעוויזן קיין פּחד פאַרן טויט. אויסמישנדיק זיך צוזאַמען מיטן מיליטער און פאָלק, האָבן זיי באַוויזן אַז קיין שום סכנה איז פאַר זיי נישט שרעקלעך, ווייל די זאַך פון פאָטערלאַנד איז זיי ליב".

אונטערן דרוק פון הערצען און לעלעוועל און אונטערן דרוק פון דער פּראָגרעסיווער שטעלונג פון אַ באַדייטנדיקן טייל פון פּוילישן פאָלק, האָט די פּוילישע פּרעסע, אַפילו דער אָרגאַן פון האָטעל לאַמבערט „וויאַדאָמאָשטשי פּאָלסקיע", זיך אָפּגעקערט פון לעשניעווסקין און זיינע חברים. פאַר דעם גרעסטן טייל פון פּוילישן פאָלק איז אַלץ מער קלאָר געוואָרן די נויטווענדיקייט פון דער פּויליש־יידישער דערנענטערונג סיי פאַר דעם עקאָנאָמישן אויפבוי פון לאַנד, סיי פאַר דעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַל־באַפרייערישן קאַמף. אויך אַ גרויסער טייל פון די יידישע פאָלקסמאַסן, וואָס זענען זייט יאָרן געווען פאַרבונדן מיט די פּוילישע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און אויפשטאַנד־טראַדיציעס, זענען געווען גרייט זיך אָנצושליסן אין דער אַלגעמיינער פּאַטריאָטישער באַוועגונג. זיי האָבן זיך אָבער געניטיקט אין אַן אויפמונטערער. די ראָלע האָט מייזעלס און אַנדערע פירנדיקע יידישע פּאַטריאָטן אויף זיך גענומען.

## די פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס אין 1860 — 1861

כדי ווי געהעריק אָפּצושאַצן מייזעלס אָנטייל און ווירקונגען אין די געשעענישן בעת דער שטורעמדיקער צוגרייטונג צום יאַנואַר־אויפשטאַנד, איז נייטיק זיך צו באַקענען מיט די פּאָליטישע ריכטונגען אין קאָנגרעס־פּוילן אין יענער צייט.

די טויזנטער צוריקגעקומענע פון דער פאַרשיקונג „סיביריאַקעס" נאָך דער אַמנעסטיע פון יאָר 1856, און אויך די פון אויסלאַנד צוריקגעקומענע שטודירנדיקע יוגנט, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון מיעראָסלאַווסקין, האָבן אַריינגעבראַכט אינעם לאַנד אַ שטאַרקן שטראָם פון רעוואָלוציאָנערן פּאַטריאָטיזם. אין דער צייט זענען אַנטשטאַנען רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך אין וואַרשע און אין אַנדערע געגנטן. דער עקאָנאָמישער קריזיס פון סוף 1857 האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די רעוואָלוציאָנערע שטימונג צווישן די פאַראָרעמטע פאָלקסמאַסן. דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט די אַנטשטאַנענע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך, די „רויטע", אין סוף פון די פופציקער יאָרן זיך צו קאָנסאָלידירן און אַנטוויקלען אַ קאָנספּיראַטיווע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, אַריינצודרינגען אַלץ מער צווישן דער שטאָטישער אָרעמקייט און דעם קליינבירגערטום.

די באַזיצנדיקע שליאַכטע, וועלכע האָט ווי פאַר פייער מורא געהאַט פאַר דער מעגלעכקייט פון אַ נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד, וואָס וואָלט אויפגעהויבן אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צו לייזן די פּויערים־פראַגע, — האָט זיך פאַראייניקט אונטער דער אָנפירונג פון גראַף אַנדזשעי זאַמאָיסקי אין דער אַ"ג „לאַנדווירטשאַפטלעכער געזעלשאַפט". אין קעגנזאַץ צום מאַרקגראַף וויעלאָפּאָלסקי, וועלכער האָט אָפן געפרייידיקט טריישאַפט צו דער צאַרישער קרוין, האָט יאַמאָיסקי געפּראַוואַט קעגנווירקן דער אידעע פון נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד דורך אַרויסרוקן דעם לאָזונג: „דערגרייכן" פּוילנס אומאָפּהענגיקייט דורך „אָרגאַנישער אַרבעט", ד"ה אויסבויען בהדרגהדיק די עקאָנאָמיע פון לאַנד אין די ראַמען פון פעאָדאַלן סיסטעם.

אויך אַ טייל פון דער בירגערלעכער אינטעליגענץ און יוגנט האָט זיך אָרגאַניזירט אין אַ קרייז אונטער דער אָנפירונג פון עדוואַרד יורגענס. דער קרייז האָט זיך אונטערשיידט פון דער „לאַנדווירטשאַפטלעכער געזעלשאַפט" מיט דעם, וואָס ער האָט בלויז אין פּלוג אָנערקענט די נויטווענדיקייט פון אַ נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד, אָבער אָפּגעלייגט אים ביז פּוילן וועט שוין זיין גענוג שטאַרק און צוגעגרייט (מיעראָסלאַווסקי האָט זיי אַ נאָמען געגעבן „מיליאָנערן", ד"ה אַזעלכע וואָס לייגן אָפּ דעם אויפשטאַנד אויף טויזנטער יאָר). די וואַרשעווער בורזשואַזיע, וועלכע האָט זיך געזאַמלט אין דער „רעסורסאַ קופּיעצקאַ", איז געשטאַנען פּאָליטיש נאָענט צו עדוואַרד יורגענס קרייז. אין 1860 האָבן די אויסגערעכנטע רעכטע גרופּירונגען געשאַפן אַ געמיינזאַמע קערפּערשאַפט, אַ"ג דירעקציע „פון די ווייסע".



די אויבגערעכנטע קרייזן פון די „ווייסע" האָט פאַראייניקט איין געדאַנק: נישט דערלאָזן צו אַ נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד, וואָס וואָלט געקאָנט ווערן געפערלעך פאַר זייערע קלאַסן־אינטערעסן, ווי למשל וואָלט איינפירן ראַדיקאַלערע רעפאָרמען אין דעם פאַכטשטיונגס־סיסטעם. אין דער פראַגע האָבן יורגענס גרופּע און די קרייזן פון „רעסורסאַ קופּיעצקאַ" געהאַט אַ מער פּראָגרעסיווע שטעלונג אידער זייערע שותפים פון דער „לאַנדווירטשאַפטלעכער געזעלשאַפט".

די זעלבע מיינונגס־פאַרשידנקייטן זענען אויך געווען בנוגע

דער יידן־פראגע. די „לאנדווירטשאפטלער געזעלשאפט" איז געווען קעגן גלייך־בארעכטיקונג פאר יידן. זי האט נישט געוואלט אננעמען פאר קיין מיטגליד דעם באוואוסטן פוילישן שרייבער קראשעווסקי (אין יאר 1860) צוליב זיין אננעמען דעם אמט פון רעדאקטאר פון „גאזעטא צאדזשעננא", וועלכע איז, נאך דעם ווי קראנענבערג האט זי אפגעקויפט, פארוואנדלט געווארן אין א ארגאן פון דער ווארשעווער בורזשואזיע און ארויסגעוויזן א פאזיטיווע שטעלונג צו דער גלייך־בארעכטיקונג פון יידן. קראשעווסקי שרייבט שפעטער וועגן דער דעמאלטיקער שטעלונג פון דער „לאנדווירטשאפטלעכער געזעלשאפט" אט וואס:

> „ביז דער לעצטער צייט האבן זיך דער פרעזעס פון דער געזעלשאפט און דער קאמיטעט מיט אלע כוחות קעגנגעשטעלט יעדן ראדיקאלערן און געוואגטערן שריט אין דער פויערים־פראגע, זיי האבן אפגעשטויסן די שטאטישע בירגער און די יידן...".

דערקעגן האט יורגענס' גרופע מסכים געווען אוועקצושטעלן אויף דער טאג־ארדנונג די פראגע פון גלייך־בארעכטיקונג פאר יידן.

ווי אזוי האט זיך פארגעשטעלט דער לאגער פון די „רויטע"? מער דארף זאגן, אז אפילו צווישן דער אנפירונג פון די „רויטע" זענען געווען אזעלכע ווי קאראל מאיעווסקי, וועלכער איז גלייכצייטיק געזעסן אין דער דירעקציע פון די „ווייסע" און אין דער אנפירונג פון די „רויטע". אויסער דעם לינקן פליגל פון רעוואלוציאנערע דעמאקראטן איז דער איבערוויגנדיקער טייל פון די „רויטע" באשטאנען פון צענטריסטן (ווי אנאטאן גיללער און ענלעכע), אזוי גערופענע מעסיקע, וועלכע האבן געהאלטן אין איין לאווירן צווישן דעם דעמאקראטישן פליגל פון די „רויטע" און די אייגענע רעכטע און אויך זיך געחנדלט צו יורגענס' גרופע.

דאס וואס האט פאראייניקט אלע גרופירונגען אין דעם לאגער פון די „רויטע" (אויסער די אריינגעשיקטע אגענטן פון די „ווייסע" ווי מאיעווסקי), איז געווען דער ווילן, ארויסצוגיין אין קאמף קעגן אקופאנט און צואיילן דעם נאציאנאלן אויפשטאנד. כדי אויפצוהייבן און צוגרייטן דאס פאלק צום קאמף מיטן אקופאנט, האבן די „רויטע" באשלאסן צו ארגאניזירן מאסן־מאניפעסטאציעס פון נאציאנאל־פאטריאטישן כאראקטער, וועלכע זאלן וועקן די רעוואלוציאנער־פאטריאטישע געפילן ביי דער באפעלקערונג. די מאניפעסטאציעס האבן אויך געדארפט דינען ווי א מיטל צו מאביליזירן די פאלקסמאסן בכדי זיי זאלן מאכן א דרוק אויף די „ווייסע" אנצושליסן זיך אינעם נאציאנאלן קאמף און אויך אויפצווינגען די פריצים, זיי זאלן ליקווידירן די פאנשטשיזנע.

די ערשטע גרעסערע מאניפעסטאציע איז דורך די „רויטע" ארגאניזירט געווארן אין צוזאמענהאנג מיט דער לוויה (1860.6.9) פון דער אלמנה נאך דעם העלדישן פארטיידיקער פון וואליע (ווארשעווער שטאטטייל) אין יאר 1831, גענעראל סאווינסקי. נאך דער איינגעגעבענער מאניפעסטאציע, אין וועלכער עס האבן זיך באטייליקט עטלעכע צענדליק טויזנט בירגער, צווישן זיי אויך א גרעסערע צאל יידן, האט זיך אנגעהויבן א סעריע קלענערע מאניפעסטאציעס. במשך פון א גאר קורצער צייט האט זיך ארויסגעוויזן, אז די „סמארקאטשעס" (ווי די „ווייסע" האבן מיט ביטול אנגערופן די „רויטע" פאטריאטישע יוגנט) באהערשן אן אנגעזעענעם טייל פון די פאלקסמאסן פון דער הויפטשטאט און באזונדערס די האנטווערקער און זייערע געזעלן. אויף דער ווענדונג פון די „ווייסע", זיי זאלן אפשטעלן די מאניפעסטאציעס, ווייל זיי קאנען דערפירן צו אן אויפשטאנד וואס וואלט געבראכט אן „אומגליק", האבן די „רויטע" ארויסגעשטעלט א באדינג, אז די „לאנדווירטשאפטלעכע געזעלשאפט", וועלכע איז דעמאלט געווען די איינציקע לעגאלע געזעלשאפטלעכע ארגאניזאציע פון פאליאקן אין לאנד, זאל ארגאניזירן אן „אדרעס" צום צאר, נישט רעכנענדיק זיך מיט דעם, צי די ווארשעווער מאכטארגאנען וועלן עס דערלויבן אדער נישט. אין דעם „אדרעס" זאל קריטיקירט ווערן דער רעגירונגס־סיסטעם אין פוילן און גלייכצייטיק זאל אנגעוויזן ווערן אויף די נייטיקסטע רעפארמען, וואס דארפן דורכגעפירט ווערן.

זאמאיסקי האט אנטשידן אפגעווארפן די פאדערונג פון די „רויטע" אונטער דעם אויסרייד, אז „ער וויל בכלל נישט האבן קיין באציאונגען מיט דער רעגירונג און וויל ביי איר גארנישט בעטן". ער האט דערביי געדראט, אז אויב זיי וועלן נישט אויפהערן צו ארגאניזירן מאניפעסטאציעס, וועלן זיי איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון דער מאכט. די דראאונגען האבן די „רויטע" נישט אפגעשראקן, און זיי האבן ווייטער ארגאניזירט מאניפעסטאציעס.

אינצווישן איז אנגעקומען דער 25טער פעברואר, דער יארטאג פון גראכאווער קאמף אין 1831. די „רויטע" האבן באשטימט איינצוארדענען אין דעם טאג א מאסן־מאניפעסטאציע אויף די גראכאווער פעלדער. ווען גארטשאקאוו האט באפוילן פונאנדערצונעמען די בריק, וואס פארבינדט ווארשע מיט פראגע, כדי אוממעגלעך צו מאכן דער ווארשעווער באפעלקערונג צו גיין אויף די גראכאווער פעלדער, האבן די „רויטע" באשלאסן איינצוארדענען די דעמאנסטראציע אין ווארשע גופא. אויף דער דעמאנסטראציע איז געקומען צו א צוזאמענשטויס צווישן דער באפעלקערונג מיט דער זשאנדאמעריע, און עס זענען געווען עטלעכע פארוואונדעטע.

ווי אן ענטפער אויף דער ברוטאלער האנדלונג פון די צארישע זשאנדארן האבן די „רויטע" באשלאסן איינצוארדענען דעם 27טן פעברואר א מאניפעסטאציע. אין דער זעלבער צייט איז פארגעקומען אין ווארשע די לאנד־באראטונג פון דער „לאנד־געזעלשאפט", געפירט אונטער דעם דיקטאט פון אנדזשעי זאמאיסקי און דעם גרויס־שליאכטישן קאמיטעט פון דער געזעלשאפט, וועלכע האבן נישט דערלאזט אנצונעמען קיין באשלוס נישט וועגן ליקווידירן די פאנשטשיזנע און נישט וועגן אן „אדרעס" צום צאר. ביי דער געשאפענער לאגע זענען זיך דעם 26טן פעברואר צונויפגעקומען אין קאנטס צוקיערניע די פארשטייער פון דער ווארשעווער בורזשואזיע און אינטעליגענץ, וועלכע האבן זיך געפונען אונטערן דירעקטן דרוק פון די פאלקסמאסן, און האבן באשלאסן צו מאכן א זעלבשטענדיקן פאליטישן שריט, נישט רעכנענדיק זיך מיט דער מיינונג פון דער „ל׳ג". זיי האבן אויסגעוויילט א דעלעגאציע צו רעדאגירן אן „אדרעס" צום צאר. עס איז געפלאנט געווארן צוצוציען צו דער דעלעגאציע, וואס איז באשטאנען פון פארשטייער פון דער שטאטישער בורזשואזיע און אינטעליגענץ, דעם שוסטער הישפאנסקי, ווי א פארשטייער פון די האנטווערקער, און מייזעלסן, ווי א פארשטייער פון די יידן.

דעם 27טן פעברואר גאנץ פרי האבן זיך אנגעהויבן זאמלען מאסן מענטשן פאר דער קארמעליטן־קירך אויף לעשנא־גאס, וואו עס האט געדארפט פארקומען א הזכרה נאך א רעוואלוציאנערן עמיסאר, וואס איז אומגעבראכט געווארן דורך דער צארישער מאכט מיט דרייסיק יאר צוריק. נאך דער הזכרה האט זיך געדארפט פארמירן א מאניפעסטאציע. דעמאלט איז אנגעקומען דער אבער־פאליציי־מייסטער טרעפאוו מיט א גרעסערער צאל פאליציאנטן.

אויך דער קאמיטעט פון דער „לאנדוו׳ געזעלש" האט זיך געווענדט צום נאמיעסטניק גארטשאקאוו, ער זאל שיקן מיליטער צום ראדזשיוויל־פאלאץ, וואו עס קומען פאר די באראטונגען פון זייער אלגעמיינער פארזאמלונג, כדי צו שיצן זיי קעגן אן עווענטועלן איבערפאל מצד די מאניפעסטאנטן. מיט דעם האט דער קאמיטעט געגעבן אנצוהערן דער מאכט, אז דא האט מען נישט צו טאן מיט קיין פרידלעכער פראצעסיע, נאר מיט בונטאווטשיקעס, קעגן וועלכע מען דארף באנוצן כוח. גארטשאקאוו האט טאקע באשלאסן אנצונעמען די עצה פון א טייל גענעראלן און הויכע באאמטע און פון זאמאיסקיס פריצים, און צוטרעטן מיט צארישע מעטאדן צו ליקווידירן די מאניפעסטאציעס.

קעגן דער אומבאוואפנטער באפעלקערונג זענען געווארן ארויסגעשיקט באטאליאנען קאזאקן. ארום צוויי א זייגער נאך מיטיק זענען געפאלן די ערשטע שאסן און הרוגים. די דעצידירטע שטעלונג פון די צענדליקער טויזנטער פוילישע פאלקסמענטשן, וועלכע האבן מאניפעסטירט אויף די ווארשעווער גאסן און געפרואווט צוקומען צום באראטונגס־פאלאץ פון דער „לאנדוו׳ געזעלש", האט אנגעווארפן א שרעק אויף די פארזאמלטע פריצים. ווען עס איז געשטעלט געווארן צום אפשטימען טאמאש פאטאצקיס פארשלאג, וועגן געבן די פויערים א מעגלעכקייט אויסצוקויפן די ערד, אויף וועלכער זיי זיצן, האט קיינער פון די פארזאמלטע נישט געוואגט

צו שטימען קעגן. דערווייל האָט זיך דערנענטערט דער אָוונט. די וואַרשעווער גאַסן האָבן אויסגעזען ווי אַ קריגספּלאַץ. די צאָל הרגים איז נישט מעגלעך געווען פעסטצושטעלן. דער קאָמיטעט פון דער „לאַנדוו׳ געזי״ האָט געזען אַז פון איין זייט באַהערשן די „רויטע״ די פֿאָלקסמאַסן פון דער הויפּטשטאָט און פון דער צווייטער זייט האָט די שטאָטישע גרויס־בורזשואַזיע שוין מסכים געווען אויף אַן „אדרעס״ און הייבט אָן אַרויסצואַווייזן אַ פּאָליטישע אַקטיווקייט. ביי אַזאַ סיטואַציע האָט געדראָט די פּריצים צו פאַרלירן יעדן איינפלוס אויף דעם גאַנג פון די געשעענישן און ווערן איזאָלירט. זיי האָבן זיך דעריבער שנעל פאַרזאַמלט ביי זאַמאָיסקין און באַשלאָסן מסכים צו זיין אויף דעם דערמאָנטן באַשלוס פון די שטאָטישע בירגער וועגן אַן „אדרעס״ צום צאַר. בעת ערשט מיט עטלעכע שעה צוריק, ווען מען האָט אויפן זאַל פון דער באַראַטונג אַריינגעבראַכט דעם פאַרבלוטיקטן מיטגליד פון דער „לאַנדוו׳ געזי״, גאָזשימסקי, האָט גראַף זאַמאָיסקי קאַלטבלוטיק דערקלערט: „ווען דער פּאַן גאָזשימסקי וואָלט געווען אַ בירגער און אונדזערס אַ מיטגליד, וואָלט ער געדאַרפט זיין דאָ צווישן אונדז און נישט צווישן גאַסניונגען און פּראָווען אַוואַנטורעס מיטן מיליטער״, — איז ער איצט שפּעט אין אָוונט געפאָרן צום נאַמיעסטניק גאָרטשאַקאָוו אינטערווענירן ער זאָל צוריקציען דאָס מיליטער, באַשטראָפן די שולדיקע אין דער בלוטבאָד און אָננעמען אַן „אדרעס״ צום צאַר.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער „רעסורסאַ קופּיעצקאַ״ אַ 500 שטאָטישע בירגער פון אַלע שיכטן, צווישן זיי אויך דער פירער פון דער גרויס־בורזשואַזיע קראָנענבערג, יורגענס און אויך אַ פאָרשטייער פון די „רויטע״, אַגאַטאָן גיללער. אויף קראָנענבערגס פאָרשלאַג איז איינשטימיק באַשטעטיקט געוואָרן דער באַשלוס פון דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג אין קאַנטס צוקערניע צו שיקן אַ דעלעגאַציע, און מען איז צוגעטרעטן אַדורכפירן נייע וואַלן פון דער „דעלעגאַציע״, וועלכער עס זאָל ווערן אָנפאַרטרויט די אָנפירונג מיט דער שטאָט, און וועלכע זאָלן האָבן די רעכט אַרויסצוגעבן פאַראָרדענונגען לויט איר איינזען. בשעת דעם אָנגעבן קאַנדידאַטן צו דער דעלעגאַציע, האָט איינער פון די אָנוועזנדיקע יונגטלעכע אַרויסגערוקט מייזעלס׳ קאַנדידאַטור. די פאַרזאַמלטע האָבן מסכים געווען אויף מייזעלס׳ קאַנדידאַטור, דער מאָנענדיק דערביי זיינע רעוואָלוציאָנער־פּאַטריאָטישע פאַרדינסטן פאַרן פאָטערלאַנד נאָך פון יאָר 1848. אין דער דעלעגאַציע זענען געוואָרן אויסגעוויילט 14 מאָן. די דעלעגאַציע האָט אויסגעטיילט 8 מאָן, צווישן זיי הרב מייזעלס און זיי געשיקט צום נאַמיעסטניק גאָרטשאַקאָוו, בכדי אים פאָרצושטעלן די פאָלגנדיקע פּאָסטולאַטן: דערלויבן איינצואָרדענען אַ פייערלעכע לוויה פאַר די 5 געפאַלענע, צוריקציען דאָס מיליטער אין די קאַזאַרמעס, געבן דימיסיע דעם אָבערפּאָליציי־מייסטער טרעפּאָוו. דער דערשראָקענער גאָרטשאַקאָוו, מורא האָבנדיק אַז די עקסטרעם־רויטע עלעמענטן זאָלן נישט אויסנוצן די געשאַפענע לאַגע און אַרויסרופן אַן אויפשטאַנד, האָט נישט בלויז נאָכגעגעבן די פאָדערונגען, נאָר אויך איבערגעגעבן דער דעלעגאַציע די מאַכט איבער דער שטאָט ביז איבער דער לוויה.

ווי מיר זעען, האָבן די לעצטע טעג פון פעברואַר 1861 געהאַט אַ וויכטיקע באַדייטונג אין דער געשיכטע פון קאָנגרעס־פּוילן. די שטאָטישע בורזשואַזיע האָט אָנגעהויבן אַרויסצואַווייזן אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטישע איניציאַטיוו, צונעמענדיק ביי דער שליאַכטישער „לאַנדווירטשאַפטלעכער געזעלשאַפט״ דעם מאָנאָפּאָל פון פּאָליטישער אָנפירונג אין לאַנד.

מייזעלס, וועלכער האָט שוין געהאַט הינטער זיך די דערפאַרונג פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין יאָר 1848 אין עסטרייך, האָט געהעריק דערשאַצט די לאַגע. ער האָט געזען די מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען איצט וואַרשע (און קאָנגרעס פּוילן בכלל) אין אַ ווין פון 1848טן יאָר. ער האָט געגלייבט אַז עס איז געקומען די צייט און די נויטווענדיקייט אַרויסצוטרעטן עפנטלעך און באַוועגן די יידישע פאָלקסמאַסן צו נעמען אַן אָנטייל אין די פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס און אין די אַקציעס קעגן דעם אָקופּאַנטישן יאָך.

אַ געלעגנהייט דערצו האָט ער געזען אין דער לוויה פון די פינף געפאַלענע קרבנות בעת די געשעענישן פון 27טן פעברואַר, וועלכע די „דעלעגאַציע״ האָט אָרגאַניזירט אויף דעם 2טן מאַרץ. מיט אַ טאָג פריער איז געמאָלדן געוואָרן אין דער פּרעסע, אַז אין דער לוויה וועלן זיך באַטייליקן די יידישע גייסטלעכע אין זייער רבנישער טראַכט, און אַז אין איינקלאַנג מיטן יידישן ריטואַל וועלן די יידן, וועלכע נעמען אָנטייל אין דער לוויה, נישט דאַרפן גיין מיט אַנטבלויזטע קעפּ. די מעלדונג איז געווען אַ פאַקטישער רוף פון מייזעלסן צו אַלע יידן פון וואַרשע, זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין דער לוויה.

אין דער לוויה האָט זיך באַטייליקט כמעט די גאַנצע וואַרשעווער באַפעלקערונג, קריסטן און יידן. זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די גרעסטע אייניקייטלעכע מאַניפעסטאַציע פון יידן און פּאָליאַקן. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון פּוילן האָט מען געזען יידישע רבנים אויף אַ קריסטלעכער לוויה און דעם הויפּט־רב מייזעלס געאָרעמט מיטן אַרצעביסקופּ פיאַלקאָווסקי. ביי די קברים פון די געפאַלענע האָט מייזעלס געזאָגט די תפילה „קדיש״. ער האָט דערמיט אונטערגעשטראָכן, אַז די יידן אין פּוילן געפינען זיך אין טרויער נאָך די געפאַלענע פּוילישע פּאַטריאָטן. נאָך דער לוויה האָט מייזעלסן באַגלייט די פּוילישע און יידישע אַקאַדעמישע יוגנט.

מייזעלס פּאַטריאָטישע שטעלונג און די באַטייליקונג פון די יידן אין דער לוויה האָבן געפונען אַ טיפן אָפּקלאַנג ביי דער וואַרשעווער באַפעלקערונג. אַגאַטאָן גיללער גיט איבער די שטימונג וועלכע האָט געהערשט ביי די פּוילישע פאָלקסמאַסן נאָך דער לוויה, שרייבנדיק:

„אין די קברים פון די פינף געפאַלענע זענען באַגראָבן געוואָרן די קעגנזייטיקע פאָראורטיילן און רעליגיעזע איבערגלויבנס, און דאָ ביי די קברים איז אויסגעפירט געוואָרן דער ערשטער אַקט פון אַריינפירן די יידן אין די רעכט פון פּוילישער בירגערשאַפט און ליבע״.

אין אַ מיטטיילונג פון אַ קאָנפידענט צום גענעראַל־פּאָליציי־מייסטער ווערט אַזוי געזאָגט:

„די באַטייליקונג פון די יידן אין דער לוויה, און מייזעלס׳ אָפּריכטן תפילות פאַר די קרבנות זענען אַן אָנזאָג פון נייע צייטן, ווייזט אויס, אַז די פּאָליאַקן האָבן אויף אַן אמת געענדערט זייער באַציאונג צו די יידן. זיי באַמיען זיך אויף יעדן טריט אַרויסצואַווייזן צו זיי זייער פריינדלעכע באַציאונג״.

נישט בלויז די פּאָליאַקן און יידן האָבן געזען אין דער לוויה־מאַניפעסטאַציע דעם אויסדרוק פונעם איבערבראָך וואָס איז פאָרגעקומען אין זייערע קעגנזייטיקע באַציאונגען, אויך די אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן, וועלכע זענען געווען אַקרעדיטירט אין וואַרשע, האָבן געהאַלטן פאַר וויכטיק מיטצוטיילן זייערע רעגירונגען וועגן אָט דער געשעעניש. אַזוי האָט דער עסטרייכישער גענעראַל־קאָנסול לעדערער אַרויסגעשיקט אַ ראַפּאָרט קיין ווין מיטן ווייטערדיקן אינהאַלט:

„די רבנים האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג. דער הויפּט־רב מייזעלס איז בעת דער לוויה געגאַנגען געאָרעמט מיטן קאַטוילישן אַרציביסקופּ. נישט געקוקט דערויף, וואָס לויט דעם יידישן ריטואַל דאַרפן רבנים זיך נישט געפינען אויפן שטח פון אַ קאָשציאָל, האָט ער (מייזעלס) זיך דאָרטן געפונען״.

פאַר מייזעלסן איז די עפנטלעכע מאַניפעסטאַציע בעת דער לוויה געווען אַן איבערגאַנג פון אַבסטראַקטער פּראָפּאַגאַנדע פאַר יידיש־פּויליש׳ער דערנענטערונג צו אַ דירעקטער געמיינזאַם־פּאָליטישער אַקציע, צו אַקטיוון קאַמף.

די וויכטיקסטע פּאָליטישע אַקציע אין יענעם מאָמענט איז געווען דאָס מאַסנהאַפטע אונטערחתמענען דעם דערמאָנטן „אדרעס״ צום צאַר. נייטס דאָ איז דאָס אָרט אָפּצושטעלן זיך אויף דער גענויע און אויפן אינהאַלט פון דעם „אדרעס״. אַ פאַקט איז, אַז הגם ער איז אָנגעשריבן געוואָרן דורך עדמונד סטאַווייסקי, אַ מיטגליד פון דער „לאַנדוו. געזעליש.״ ביי דער מיטרעדאַקציע פון איגנאַצי קראַשעווסקי, זענען אויך די „רויטע״ אין יענעם מאָמענט נישט אַרויסגעטרעטן קעגן אים. דאַנילאָווסקי, אַ טוער פון די „רויטע״, דריקט זיך אַזוי אויס וועגן דעם „אדרעס״ אין זיינע זכרונות:

„ער האָט דערמאָנט אין קאַרגע אָבער אין ווערדיקע אויסדרוקן וועגן די רעכט פון אונדזער נאַציאָנאַליטעט".

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז פאַר די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן נישט געווען אַזוי וויכטיק דער אינהאַלט פון דעם „אדרעס", ווי דער פאַקט, וואָס דורך דער אַקציע פון זאַמלען חתימות איז דערמעגלעכט געוואָרן צוצוקומען צו די פאָלקסמאַסן און וועקן ביי זיי דעם געדאַנק פון קאַמף פאַר באַפרייאונג.

מייזעלס האָט דעריבער פאַרטיידיקט די נויטווענדיקייט פונעם „אדרעס" אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג פון דער וואַרשעווער „עליטע" אין זאַמאָיסקיס פּאַלאַץ און געלייגט זיין חתימה אויף אים דער ערשטער צוזאַמען מיטן ארצעביסקופּ פּיאַלקאָווסקי, נישט געקוקט דערויף, וואָס דער „אדרעס" האָט לגמרי נישט באַרירט די פראַגע וועגן רעכט פאַר יידן (אַזוי ווי ער האָט נישט באַרירט קיין אַנדערע קאָנקרעטע פראַגעס). ער האָט אויך אויפגעהויבן פאַרן „אדרעס" אַ ברייטע אַגיטאַציע איבערן גאַנצן לאַנד. אינעם טאָג פון דער לוויה, ד"ה דעם 2טן מאַרץ, האָט מייזעלס אַרויסגעשיקט אַ צירקולאַר, אַדרעסירט „צו אונדזערע ברידער יידן, רבנים, אָנפירער פון די קהילות, גאָטספאָרכטיקע אין יעדער שטאָט פון אונדזער לאַנד", אין וועלכן ער איז מודיע:

„מיר דאָ אין וואַרשע האָבן איינגעזען פאַר ריכטיק און גוט, און אַלע האָבן אונטערגעשריבן דעם „אדרעס". נאָך אַ געהעריקן פאַרטראַכטן זיך אין די ווערטער פון אונדזער הייליקן נביא ירמיהו (קאַפּי כ"ט) „זאָרגט וועגן דעם וואויל פון דער שטאָט, וואו איר געפינט זיך, ווייל פון איר וואויל איז אָפּהענגיק אייער וואויל", — ודרשו את שלום העיר אשר הגליתי אתכם שמה והתפללו בעדה אל ה' כי בשלומה יהיה לכם שלום —. הער בראָניסלאַוו יאַרעצקי באַזוכט איצט די פּראָווינצשטעט כדי צו זאַמלען חתימות. איך האַלט פאַר ריכטיק, איר זאָלט טאָן ווי מיר און אונטערשרייבן דעם „אדרעס".

אויסער דעם קורצן צירקולאַר און דער אַגיטאַציע דורך דער פאַרצווייגטער פּריוואַטער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס מייזעלס האָט געפירט, איז אונטער זיין רעדאַקציע אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גרעסערער אויפרוף צו די יידן אין פּוילן וועלכער איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּליאַרן איבערן גאַנצן לאַנד. דער אויפרוף, וועלכער איז אַדרעסירט „אין נאָמען פון גאָט פון ישראל און פון די אָנפירער פון דער אָרטיקער וואַרשעווער קהילה צו אונדזערע ברידער יידן, וועלכע וואוינען אין פּוילישן לאַנד", הייבט זיך אָן מיט דער פעסטשטעלונג, אַז די יידן אין לאַנד האָבן זיכער געהערט וועגן די געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער וואָך. דער אויפרוף באַטאָנט, אַז עס איז דאָ איצט אַ האָפענונג זיך צו באַפרייען פון דער אונטערדריקונג און פון דעם שווערן יאָך. דער אויפרוף שטעלט פעסט, אַז במשך פון 30 יאָר, ד"ה פון יאָר 1831 אָן, זענען אַרויס איבער 100 פאַראָרדענונגען וועגן יידן, וועלכע האָבן געהאַט פאַר אַ ציל נאָך שווערער צו מאַכן די יידישע לאַגע. פון אַלע יידן אין אייראָפּע זענען בלויז די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן פאַרבליבן אונטער דער לאַסט פון מיטל־עלטערלעכן באַרבאַריזם. ווייטער ווייזט דער אויפרוף אָן, אַז פון דער פאַרזיכערונג פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן וועגן גלייך־באַרעכטיקונג פאַר יידן איז גאָרנישט געוואָרן. ער דערמאָנט די גזירה קעגן דער יידישער הלבשה, ווען מען האָט געשלעפּט זקנים איבער די גאַסן, ווי הינט, און אָפּגעשניטן זיי די בערד. דערביי זאָגט דער אויפרוף, אַז די באַאַמטע, וועלכע האָבן גענומען אָנטייל אין די שענדלעכע אַקטן זענען געווען די אויסוואורפן און פאַררעטער פונעם פּוילישן פאָלק. דער בעסטער באַווייז איז, שרייבט דער אויפרוף, אַז ביז 1831, ווען די מאַכט איז געווען אין די פּוילישע הענט, האָט מען נישט געהערט וועגן אַזעלכע געמיינהייטן.

דער אויפרוף גייט איבער פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, פון וועלכן מען האָט געהאָפט אויף ליכט, אָבער אָנגעקומען איז פינצטערניש, — צו דער איצטיקער צייט. דער אויפרוף מאַכט, כלומרשט אַ קאָמפּלימענט דעם איצטיקן צאַר, אַז ער וויל יושר, אָבער דער רשע מוכאַנאָוו האָט זיך צוגעקליבן מענטשן, וואָס זענען שונאים פון די פּאָליאַקן און יידן, און שרייבט כסדר קיין פּעטערבורג קעגן זיי. צוליב דעם ווערט נישט דערהערט די שטים פון די איידעלע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן ליב אַלע איינוואוינער פון לאַנד אָן אונטערשייד פון רעליגיעזער אָנגעהעריקייט. דעריקעגן דער המן (ד"ה מוכאַנאָוו) זייט שנאה צווישן די פּאָליאַקן און יידן און אין זיין דינסט האָט לעשניעווסקי צוויי יאָר געפירט אַן אַנטי־יידישע העצע. לויט דער איניציאַטיוו פון דעם זעלבן המן איז פאָרגעקומען דער פּאָגראָם אין שטעטל טורעק און עס איז פאַרשוועכט געוואָרן די יידישע שול. דער אויפרוף שרייט אויס פּאַטעטיש:

„ברידער יידן, דרייסטקייט און מענערישקייט! זאָלן מיר אָננעמען מיט דער גאַנצער איבערגעגעבנקייט די ברידערלעכע האַנט, וואָס איז אונדז אויסגעשטרעקט געוואָרן. מיר האָבן געזען די ערשטע מענער פון לאַנד גיין צוזאַמען מיט אונדזערע גייסטלעכע ביי דער לוויה פון די פינף געפאַלענע קרבנות, וואָס זייער אומשולדיק בלוט האָט געפלאָסן איבער די גאַסן פון אונדזער שטאָט".

צום סוף פאָדערט אויף דער אויפרוף די יידן, זיי זאָלן אונטערשרייבן דעם „אדרעס" און פאַראייניקן זייער שטים מיט אַלע בירגער פון לאַנד. דאָס איז דער איין־און־איינציקער וועג, וואָס פירט צום וואויל פון לאַנד.

דער אויפרוף פונעם הויפּט־רב האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק. ווען מען נעמט אין אַכט די גרויסע מאַכט וואָס מוכאַנאָוו, וועלכן מען האָט אין וואַרשע גערופן „גרויס־וויזיר", האָט פאַרמאָגט, איז דאָס, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן אים אין אויפרוף, געווען ממש אַ רעוואָלוציאָנערער שריט. די צאַרישע רעגירונג איז טאַקע געווען אויסער זיך. דער גענעראַל קאָטצעבוא, וועלכער איז געווען דער פאַקטישער לייטער פון דער רעגירונג אין וואַרשע, האָט אינפאָרמירט דעם עסטרייכישן גענעראַל־קאָנסול לעדערער, אַז דער הויפּט־רב מייזעלס האָט געשריבן צו די יידן, זיי זאָלן באַטראַכטן די צאַרישע רעגירונג פאַר המנס און צוטרעטן צו דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די אינפאָרמאַציע האָט לעדערער ווייטער ראַפּאָרטירט קיין ווין דעם 17טן מאַרץ, אונטערשטרייכנדיק אַז דער הויפּט־רב איז דערזעלבער וואָס איז געווען אין די פריערדיקע יאָרן רב אין קראָקע.

דער אויפרוף האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק אין די דיפּלאָמאַטישע קרייזן, אַז מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט לעדערער געמוזט צושיקן אַ קאָפּיע פונעם אויפרוף קיין ווין, באַגלייטנדיק זי מיט אָט דער צושריפט:

„דער אויפרוף פון הויפּט־רב מייזעלס צו די יידן אין גאַנץ פּוילן, וועלכן איך שיק איבער אייער עקסצעלענץ, איז אַן אָפענע קריגס־דערקלערונג. עס איז אוממעגלעך, אַז די רוסישע רעגירונג זאָל אַ מאָל קאָנען פאַרגעסן די חרפּה וואָס די פּראָקלאַמאַציע האָט איר אָנגעטון".

די פאַרבינדונג פון די פּאָליאַקן און יידן, וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין די געמיינזאַמע פּאַטריאָטישע אַקציעס, האָט צעשטערט די קינסטלעכע באַריערן, וועלכע האָבן אָפּגעטיילט די צוויי פעלקער פון איין לאַנד. דיסקאָנטירן גלייך די דערגרייכטע פאַרברידערונג און געבן איר אַ געזעצלעכע פאָרעם דורך געבן די יידן גלייכע רעכט, איז דערווייל געווען אוממעגלעך, ווייל די געזעצגעבערישע מאַכט האָט זיך געפונען אין פרעמדע אָקופּאַנטישע הענט. מייזעלס און אַנדערע טוער האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז נאָך נייטיק צו געשטאַלטיקן די פאַרברידערונג אין קאָנקרעטע מעשים, לכל־הפּחות אין אָפּשאַפן יענע באַגרענעצונגען, וועלכע זענען אָפּהענגיק פון דער פּוילישער געזעלשאַפט גופא. צוליב דעם האָבן מייזעלס און די אַנדערע יידישע טוער זיך באַמיט, אַז די האַנטווערקער־ און סוחרים־אָרגאַניזאַציעס זאָלן אָננעמען באַשלוסן צו ליקווידירן דעם דורותדיקן קאַמף פון די פּוילישע אָרגאַניזאַציעס קעגן זייערע יידישע פאַך־קאָלעגן.

די ערשטע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט דורכגעפירט אַזאַ באַשלוס, איז געווען די וואַרשעווער סוחרים־פאַראייניקונג. קסאַווערי שלענקער, דער עלטסטער פון דער סוחרים־פאַזאַמלונג, האָט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון 17טן מאַרץ, עס זאָלן ליקווידירט ווערן די טאָפּלטע ליסטעס וועלכע זענען איינגעפירט געוואָרן אין יאָר 1817, ד"ה אַ באַזונדערע פאַר קריסטלעכע און אַ באַזונדערע פאַר יידישע סוחרים, און דערמיט געבן די יידן גלייכע רעכט אין די וואַלן צו די אָנפירנדיקע אינ־

סטאַנצן פון דער סוחרים־פאַראייניקונג. דער פאָרשלאַג איז פייערלעך אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק.

אין דעם פּראָטאָקאָל פון דער פאַרזאַמלונג, וועלכער איז אונטערגעשריבן געוואָרן דורך 135 פּוילישע סוחרים, ווערט דער באַשלוס מאָטיווירט מיט די ווערטער:

„...כדי צו ברענגען עפנטלעך און גענוג הויך צום אויסדרוק די אַנטפּלעקונג פון טאָלעראַנץ פאַר די אָנגעהעריקע צו משהס גלויבן, וועלכע האָבן באַוויזן אַ לעבעדיקע סימפּאַטיע פאַר דער אַלגעמיינער זאַך בעת די לעצטע געשעענישן אין לאַנד".

באַלד צו מאָרגנס האָט די סוחרים־פאַראייניקונג צוגעשיקט צו מייזעלסן אַ בריוו מיט אַ קאָפּיע פון פּראָטאָקאָל, אין וועלכן זיי זענען אים מודיע וועגן באַשלוס. דער בריוו ענדיקט זיך מיט די ווערטער:

„...אַזאַ עפנטלעכע דערשיינונג פון טאָלעראַנץ און פון פאַרשטיין דעם איצטיקן מאָמענט אויפן וועג פון פאָרשריט מצד דער וואַרשעווער סוחרים־פאַראייניקונג, וועט דינען אַנדערע געזעלשאַפטלעכע שיכטן אונדזערע ווי אַ ביישפּיל צוצואיילן דאָס אַזוי נויטיקע צונויפגיסן זיך פון די יידן און קריסטן פאַר דער נאַציאָנאַלער זאַך".

אויף דעם האָט מייזעלס אָפּגעענטפערט מיט אַ לענגערן בריוו, אין וועלכן ער שרייבט צווישן אַנדערע:

„...דער דאָזיקער פאַל פון אָפענער רעליגיעזער טאָלעראַנץ און ברידערלעכער פאַראייניקונג מיט די אָנהענגער פון משהס גלויבן, איז אַ טאָפּלטע פרייד פאַר מיין האַרץ, ווייל ער באַווייזט פון איין זייט אייער בפירושן פאָרשריט אויפן וועג פון בילדונג, מאָראַלישער דערציאונג און פון באַגרייפן דעם טובת־הכלל".

...דאַנקען פאַר דעם דאָזיקן טאַט פון דעם חשובן עלטסטן ווי אויך פון דער גאַנצער סוחרים־פאַראייניקונג וואָלט באַדייט אַ באַליידיקונג פאַר דעם איידעלן גערעכטיקייטס־געפיל, פאַר די גערעכטע איבערצייגונגען, וואָס זייער ציל איז דער וואויל פונעם לאַנד... דעם אויבן־געבראַכטן אויפרוף, צוזאַמען מיט דער דאַטע און מיטן נומער, פון דעם עלטסטן־אַמט וועל איך פאָרשטעלן דעם קהילה־דאָזאָר, כדי וועגן דעם געבן צו וויסן דעם קהל".

ווי עס איז צו זען פון דעם ענטפער, האָט מייזעלס געזען אין דעם באַשלוס פון די וואַרשעווער פּוילישע סוחרים אַ באַווייז פון דער גערעכטיקייט פון זיין פּאָליטישער ליניע. מייזעלס האָט צו מאָרגנס, דעם 21טן אַריינגעשיקט אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קהילה אַ קאָפּיע פון דעם בריוו און דעם באַשלוס פון דער סוחרים־פאַרזאַמלונג מיט זיין ענטפער, דערמאָנענדיק דערביי, אַז עס איז נייטיק די קאָרעספּאָנדענץ אָפּצודרוקן אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע און פונאַנדערצוטיילן זי אין די בתי־מדרשים, שולן און בכלל פאַרשפּרייטן צווישן די יידן. די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אָפּגעוואָרפן זיין פאָרשלאַג מיטן מאָטיוו, אַז דער באַשלוס איז שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער פּרעסע, און עס איז נישט נייטיק ספּעציעל אים איבערצוגעבן דער יידישער עפנטלעכקייט.

פון דעם איז קלאָר, אַז מייזעלס האָט געוואָלט, אַז דעם באַשלוס זאָלן קענען נישט בלויז די יידן, וועלכע לייענען די פּוילישע פּרעסע, נאָר אויך די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, און זי זאָל זיך באַקענען מיטן דערמאָנטן קאָרעספּאָנדענץ־אויסטויש. די קהילה־פאַרשטייער זענען באַשטאַנען אין גרעסטן טייל פון אַזאַ קלאַסן־עלעמענט וואָס איז נישט געווען פאַראינטערעסירט אין פאַרשפּרייטן אַזאַ קאָרעספּאָנדענץ, זיי האָבן געקוקט קרום אויף דעם הויפּט־רב, וואָס איז, לויט זייער מיינונג, פאַרקראָכן צו ווייט. זיי האָבן אים חושד געווען, אַז ער וויל אויסנוצן די קאָרעספּאָנדענץ לשם אַגיטאַציע אין דער יידישער סביבה פאַר אַזעלכע רעוואָלוציאָנער־פּאַטריאָטישע צוועקן, וועלכע זאָלן דערפירן צו „נישט געוואונטשענע" האַנדלונגען.

אין דריי טעג אַרום איז אַ באַשלוס פון גלייך־באַרעכטיקן די יידישע בעלי־מלאכות אָנגענומען געוואָרן דורך די צעכן. אויף דער פאַרזאַמלונג פון די עלטסטע פון די וואַרשעווער צעכן איז דער פאָרזיצער יוזעף קוויאַטקאָווסקי אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע. ער האָט געזאָגט צווישן אַנדערן:

„...פּוילן נייטיקט זיך אין דעם, אַז אַלע, וואָס זענען דאָ געבוירן געוואָרן, זאָלן זיך פילן ווי ברידער. לאָמיר דעריבער באַזייטיקן די פאָראורטיילן, וואָס שטעלן אַוועק צווישן אונדז אַ מחיצה, און זאָלן די אמונות אונדז נישט פונאַנדערטיילן. דעם 27טן פעברואַר 1861 האָט זיך יידיש בלוט צונויפגעמישט מיט בלוט פון קריסטן, מיט דעם האָבן די יידן באַוויזן, אַז זיי זענען פּאָליאַקן. דעריבער טאָרן מיר זיי נישט אָפּשטויסן פון אונדז. צי זענט איר גרייט צוצושטימען, אַז פון היינט אָן וועט איר אין אייערע וואַרשטאַטן נישט מאַכן קיין שום אונטערשייד צווישן יידן און קריסטן? צי זענט איר גרייט צוצולאָזן יידן אין די צעכן?".

אַלע פאַרזאַמלטע האָבן זיך איינשטימיק אַרויסגעזאָגט פאַר צולאָזן די יידן אין די צעכן און האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציעס. קוויאַטקאָווסקיס רעדע און דער אַלגעמיינער באַשלוס איז צוגעשיקט געוואָרן מייזעלסן און איז תיכף דורך אים פונאַנדערגעשיקט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד.

אין דער צייט האָט מייזעלס געהאַלטן פאַר נייטיק זיך צו ווענדן צו די יידן פון די פּראָווינצשטעט און דערפאַר מיט אַן אויספירלעכן באַריכט פון דער לאַגע און געבן זיי אָנווייזונגען. אין דער ווענדונג ווייזט ער קודם־כל אָן אויף דער נישט־ריכטיקער האַנדלונג פון די יעניקע פּחדנים, וואָס האָבן זיך פאַרשטעקט און, וועלנדיק אָפּהאַלטן אַ נייטראַלע פּאָזיציע, נישט געוואָלט פאַרעפנטלעכן זיינע פריערדיקע בריוו, אין וועלכע ער האָט גערופן צו אייניקייט מיטן קעמפנדיקן פּוילישן פאָלק. ווי דעם בעסטן באַווייז פאַר דעם אַז דורך פאַראייניקן די כוחות פון די יידן און פּאָליאַקן קאָן מען דערגיין צום זיג, גיט מייזעלס אָן דעם פאַקט, וואָס מוכאַנאָוו, דער שונא פון די פּאָליאַקן און יידן, האָט געמוזט בחרפּתו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

עס איז נאָך כדאַי צו דערמאָנען, אַז די פּויליש־יידישע פאַרברידערונג האָט געפונען אַן אויסדרוק אין קעגנזייטיקע אונטערשטיצונגען אויפן פילאַנטראָפּישן געביט. אַזוי ווערן אין דער דעמאָלטיקער פּרעסע אָנגעגעבן פאַקטן, אַז אין אַ סך שטעט האָבן יידן און פּאָליאַקן איבערגעשיקט גרעסערע סומעס אין די דורך זיי געשאַפענע וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס, מאַטעריעל אונטערגעשטיצט די אָרעמערע און ווייניק־באַלוינטע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג. אין די ראַמען פון די פאַרברידערונגס־אויסדרוקן איז אונטער מייזעלס' פאָרזיץ געשאַפן געוואָרן אין וואַרשע אַ קאָמיטעט איבערצושיקן הילף דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אין סיריע, וועלכע איז פּאָגראָמירט געוואָרן אין אָנהייב יאָר 1861 דורך מוזולמענישע דרוזישע שבטים אין רעזולטאַט פון די קעגנזייטיקע פּראָוואָקאַציעס פון דער טערקישער אימפּעריע און ענגלאַנד־פראַנקרייך.

דערווייל זענען פאָרגעקומען ענדערונגען אין דער פּאָליטישער לאַגע. דאָס אָפּוואַרפן דורכן צאַר דעם „אַדרעס" האָט אַרויסגערופן ביי אַ גרויסן טייל פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג שטימונגען, אַז מען דאַרף איבעררייסן מיט דער „לעגאַלער" פּאָליטיק. די צאַרישע מאַכט ווידער האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף מיט דער כלומרשטער הערשאַפט פון דער „דעלעגאַציע" און בכלל ענדיקן מיט גאַרטשאַקאָווס וואַקלדיקער פּאָליטיק.

נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין אַן אָפּשאַצונג פון דער טעטיקייט פון דער „דעלעגאַציע", ווילן מיר אָבער אונטערשטרייכן, ביים שליסן דאָס קאַפּיטל, איין געביט פון איר טעטיקייט וואָס איז אָפּגעשאַצט געוואָרן פּאָזיטיוו אַפילו דורך די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן. דאָס איז די אַקטיווקייט פון דער „דעלעגאַציע" פאַר דער פאַרברידערונג צווישן דער יידישער און פּוילישער באַפעלקערונג. אַז די טעטיקייט האָט געקריגן די צושטימונג פון די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן קאָן באַווייזן אָט דער ווייטערדיקער פאַקט:

נאָך עטלעכע וואָכן טעטיקייט פון דער „דעלעגאַציע" זענען די רעוואָלוציאָנערע טוער אין וואַרשע געקומען צום באַשלוס, אַז זי ווייזט אַרויס ווייניק אַקטיווקייט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן ניכער אין אַן אינסטרומענט, וועלכער באַרואיקט און שלעפערט איין דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט פון דער באַפעלקערונג. דאָס האָט

באַוואויגן צונויפצוזאַמלען זיך דעם 18טן מאַרץ אונטער דער אָנפירונג פון קאַראָל נאָוואַקאָווסקי אינעם לאָקאַל, וואו די „דעלעגאַציע" האָט אָפּגעהאַלטן איר באַראַטונג. זיי האָבן דאָרטן אויסגעדריקט זייער מיינונג, אַז די „דעלעגאַציע" טוט גאָרנישט און האָט נישט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. קאַראָל רופּרעכט — אַ מיטגליד פון דער „דעלעגאַציע", וואָס איז געווען פאַרמשפּט צום טויט פאַרן אָנטיילנעמען אינעם אויפשטאַנד פון יאָר 1831 און שפּעטער באַגנעדיקט געוואָרן — האָט גענומען אַ וואָרט און דערוויזן אַז דער פאָרוואורף קעגן דער „דעלעגאַציע" איז נישט באַרעכטיקט, ווייל זי פאַרנעמט זיך מיט שאַפן פּראָיעקטן וועגן יידישער גלייך־באַרעכטיקונג און העלפט אַדורכפירן דעם פאַרברידערונגס־פּראָצעס מיט די יידן. נאָוואַקאָווסקי איז מסכים געווען מיט רופּרעכטן בנוגע דער פראַגע און האָט צוריקגעצויגן די פאָדערונג, אַז די „דעלעגאַציע" זאָל זיך אויפלייזן.

דערווייל האָט די אָקופּאַציע־מאַכט, ווי מיר האָבן דערמאָנט, באַשלאָסן צו נעמען זיך באַלעבאַטעווען מיט אַ שטאַרקער האַנט. צו הילף איז איר געקומען דער מאַרקגראַף וויעלאָפּאָלסקי.

דעם 23טן מאַרץ 1861 איז מאַרקגראַף אַלעקסאַנדער וויעלאָפּאָלסקי נאָמינירט געוואָרן פאַרן דירעקטאָר פון דער קאָמיסיע פאַר רעליגיע און בילדונג. נישט אין דער דאָזיקער אַרבעט איז דאָס אָרט זיך אָפּצושטעלן אויף וויעלאָפּאָלסקיס טעטיקייט און רעפאָרם־פּלענער, דורך וועלכע ער האָט געוואָלט געווינען אָנהענגער פאַר זיין פּאָליטיק, וועלכע האָט געהאַט פאַר אַ ציל איינצושפּאַנען די פּוילישע באַפעלקערונג אינעם צאַרישן וואָגן. עס איז אויך נישט דאָ דאָס אָרט זיך אַריינצולאָזן אין אַ דיסקוסיע מיט ד"ר יעקב שאַצקי, כדי אויפצואווייזן די נישט־ריכטיקייט פון זיין טעזע אַז „די גרעסטע האָפענונג פון די יידן, אָן אונטערשייד פון פּאָליטישער אָריענטאַציע, איז געווען דער מאַרקגראַף וויעלאָפּאָלסקי".

דאָס וואָס געהערט צו אונדזער טעמע איז — צו געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע: צי האָט מייזעלס געהערט צו יענע יידן, וועלכע האָבן געלייגט האָפענונגען אויף אַלעקסאַנדער וויעלאָפּאָלסקיס פּלענער? בעסער געזאָגט: צי איז מייזעלס געווען גרייט אַראָפּצוגיין פון דעם קאַמפּסצוג וועלכער האָט געדאַרפט דערפירן צו דער פולקומער באַפרייאונג פון פּוילן און אויסשטייגן אויף דער סטאַנציע „וויעלאָפּאָלסקיס גלייך־באַרעכטיקונג פאַר יידן"? — צי האָבן וויעלאָפּאָלסקים זיסע רייד, מיט וועלכע ער האָט אויפגענומען די יידישע פאָרשטייער דעם 4טן אַפּריל, און געוואונטשן זיי גוטע רעזולטאַטן אין זייערע באַמיאונגען צו באַזייטיקן, אין די ראַמען פון שטרענגער לעגאַלקייט, די פאַרשיידענע באַגרענעצונגען כלפּי זיי, און דער האַנטדרוק, מיט וועלכן ער האָט בעת דער אויפנאַמע באַשאָנקען מייזעלסן ווי דער הויפּט־רב — צי האָבן אָט די מאַנעוורען באַוויזן צו געווינען מייזעלס' צוטרוי, ער זאָל ענדערן זיין ביז־איצטיקע איבערצייגונג? ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז מייזעלס געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז דער גורל פון די יידן אין פּוילן איז ענג פאַרבונדן מיט דער פּולער באַפרייאונג פונעם גאַנצן פּוילישן לאַנד; ער האָט געהאַלטן, אַז די פאַרבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון לאַנד און אויך פון די יידן אין פּוילן איז אָפּהענגיק פון דעם, אַז די פּויערים זאָלן ווערן די בעלי־בתים פון זייער ערד. דערקעגן וויעלאָפּאָלסקי האָט געפּריידיקט אַ קולטור־אויטאָנאָמיע פאַר פּוילן אין די גרענעצן פון יאָר 1815, און די פּויערים האָט ער געוואָלט באַשענקען מיט אייביקן צינדז.

דעם בעסטן ענטפער אויף די פראַגעס וועט אונדז געבן מייזעלס' שטעלונג און זיין אָנטייל אין דער אַנטוויקלונג פון די וויטערדיקע געשעענישן.

וויעלאָפּאָלסקי האָט אָנגעהויבן זיין אַמטירן פון ליקווידירן די פּוילישע אינסטיטוציעס, אַפילו די וואָס האָבן פאַרמאָגט בלויז אַ שיין פון אַ געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן כאַראַקטער. אַזוי איז אויף זיין פאָדערונג אויפגעלייזט געוואָרן די „בירגערלעכע אָפּטיילונג" ביי דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וועלכע איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ יורש פון דער פריערדיקער „דעלעגאַציע". ער האָט גערופן צו זיך די קאַטוילישע גייסטלעכע און זיי שטרענג דערקלערט, אַז ער וועט זיי נישט דערלויבן צו מישן זיך אין פּאָליטיק. דעם 6טן אַפּריל איז אויף זיין דרינגענדיקער פאָדערונג פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן די „לאַנדווירטשאַפטלעכע געזעלשאַפט".

די אַלע פאַקטן האָבן אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע אויפרעגונג צווישן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, אָן חילוק פון זייער באַציאונג צו די פונאַנדערגעלאָזטע אינסטיטוציעס, ווייל זיי האָבן אין וויעלאָפּאָלסקיס מעשים געזען אַ דיקטאַטאָרישן טראָט קעגן זיינע קעגנער און אַ שטרעבונג צו דערשטיקן יעדע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון די פּאָליאַקן.

די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, וועלכע האָבן געזען אין וויעלאָפּאָלסקין אַן אַגענט פון דער צאַרישער מאַכט, האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן די אַלגעמיינע אויפרעגונג, און צו מאָרגנס נאָכן פונאַנדערלאָזן די „לאַנדוו' געזעלש' אָרגאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע פאַר דער געביידע וואו עס איז געווען דער זיצאָרט פון דער פונאַנדערגעלאָזטער געזעלשאַפט. פון דאָרטן האָט זיך די מאַסע געלאָזט צו זאַמאָיסקיס פּאַלאַץ. גראַף זאַמאָיסקי איז אַרויס אויפן באַלקאָן און זיך געווענדט צו די דעמאָנסטראַנטן מיט די ווייטערדיקע ווערטער: „וואָס איך האָב געוואָלט און וואָס איך טו ווייס איך גענוי. דאָס איז אָרגאַנישע אַרבעט פאַרן לאַנד". דערביי האָט ער געפּרואווט אויפקלערן די פאַרזאַמלטע דעם זין פון דער „אָרגאַנישער אַרבעט". צום סוף האָט זאַמאָיסקי דערקלערט: „אָבער וואָס איר ווילט און צו וואָס עס צילן אייערע מעשים ד"ה די פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציע — (א. ק.) — פאַרשטיי איך נישט".

קיינער פון די מאַניפעסטאַנטן האָט זיך נישט דערוועגט אים צו ענטפערן. דעמאָלט האָט זיך פון צווישן די דעמאָנסטראַנטן אַרויסגערוקט אַ פּראָסטער ייד, אין טראַדיציאָנעלע יידישע מלבושים, מיט באָרד און פּאות, און דערקלערט: „איך בין אַן אָרעמער נישט באַוואוסטזיניקער ייד און בין נישט אומשטאַנד גענוי דעם פאַן כראַביע אויפצוקלערן, וואָס מיר ווילן מיט די מאַניפעסטאַציעס, אָבער דאָס ווייס איך, אַז אויב איך וועל אומקומען דורך דעם צאַרישן אָקופּאַנט, וועל איך זיך גוט צודינען דעם פאָטערלאַנד".

צו מאָרגנס דעם 8טן אַפּריל האָט געדאַרפט פאָרקומען די לוויה פונעם פאַרשטאָרבענעם „סיביריאַק" קסאַווערי סטאָבניצקי. די רעוואָלוציאָנערע טוער האָבן באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען די לוויה אין אַ פּאַטריאָטישער מאַניפעסטאַציע, וועלכע זאָל אויך מאַניפעסטירן די פּויליש־יידישע פאַרברידערונג. די פּוילישע און יידישע סטודענטן האָבן זיך צונויפגערעדט, אַז אין דער זעלבער צייט, ווען עס וועט פאָרקומען סטאָבניצקיס לוויה אויפן פּאָוואָנזקער צמענטאַזש, זאָל די יידישע יוגנט אָרגאַניזירן אויפן שכנותדיקן יידישן בית־עולם אַ הזכרה נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם דירעקטאָר פון דער ראַבינער־שול אַנטאָני אייזענבוים, וועלכער איז געווען זייער פּאָפּולער ווי דער וואָס האָט פאָראויסגעזאָגט און פּראָפּאַגירט די פּויליש־יידישע פאַרברידערונג.

אויפן בית־עולם האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ סך יידן. אויך די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין סטאָבניצקיס לוויה, זענען געקומען אויפן יידישן בית־עולם בייצווויין די הזכרה. דער ראַבינער פון דער פאָרגעשריטענער נאַלעווקער שול, קראַמשטיק, האָט געהאַלטן פאַר די פאַרזאַמלטע אַ פייערדיקע פּאַטריאָטישע רעדע. די רעדע האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקן ענטוזיאַזם ביי דער גרויסער פאַרזאַמלטער מאַסע. פון טויזנטער ברוסטן האָט זיך אַרויסגעריסן דאָס פּאַטריאָטישע ליד „באָזשע צאָש פּאָלסקען", די אָנוועזנדיקע פּוילישע און יידישע יוגנט האָבן זיך געוואָרפן אין די אָרעמס און געשוואוירן ברידערלעכע ליבע און גרייטקייט צו די גרעסטע קרבנות פאַרן פאָטערלאַנד.

גיללער שילדערט אַזוי די שטימונג וואָס האָט באַהערשט די פאַרזאַמלטע:

„... דאָס געמיינזאַמע געזאַנג, די רעדעס און דאָס אַרומאַרמען זיך פון די פּאָליאַקן און יידן אויף אייזענבוימס קבר זענען געווען אַ נייער באַווייז פון זייער פאַקטישער פאַרברידערונג... אַזוי האָבן פייערלעך פאַרהייליקט אויפן בית־עולם זייער פאַרברידערונג די צוויי צום מייסטן ליידנדיקע פעלקער אויפן ערדקיילעך".

פון בית־עולם האָט די מאַסע גערירט אין שטאָט אַריין. דערנענטערנדיק זיך צום שלאָס־פּלאַץ, האָבן זיי דערהערט אַ שיסעריי וואָס די קאָזאַקן האָבן געעפנט אויף די מאַניפעסטאַנטן, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אויפן שלאָספּלאַץ. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האָבן זיי זיך דערנענטערט צום פּלאַץ. די צעיושעטע

קאָזאַקן האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אפילו אויף דעם קרייץ, וואָס דער גלח האָט געטראָגן אין שפּיץ פון דער מאַסע, און געוואָרפן זיך מיט די הוילע שווערדן. ווען דער גלח איז געפאַלן אַ פאַרבלוטיקטער, האָט דעם קרייץ אויפגעהויבן דער רעוואָלוציאָנער קאַרל נאָוואַקאָווסקי, און ווען נאָוואַקאָווסקי האָט אַרויסגעלאָזט דעם קרייץ, פאַלנדיק אַ פאַרוואונדעטער, האָט אים אויפגעהויבן דער יידישער סטודענט לאַנדע און אים געטראָגן פאָרויס, ביז ער איז געפאַלן טויט פון אַ קויל.

די שחיטה אויף דעם שלאָספּלאַץ, וועלכע האָט געבראַכט צענדליקער הרוגים און הונדערטער פאַרוואונדעטע, האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע אויפרעגונג אין גאַנצן לאַנד.

די פּויליש־יידישע פאַרברידערונג איז נאָך פעסטער צעמענטירט געוואָרן דורך געמיינזאַם פאַרגאָסענעם בלוט. דער סטודענט לאַנדע איז אויסגעוואַקסן צו אַ העראָאישער געשטאַלט פאַר דער פאַרברידערונג־אידעע און באַזונגען געוואָרן דורך פּוילישע פּאָעטן פון יענער צייט.

סוף מיי איז אָנגעקומען קיין וואַרשע די ידיעה וועגן טויט פון גרויסן פּוילישן היסטאָריקער און קעמפער פאַר פרייהייט, יאָאַכים לעלעוועל. די הזכרות, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן צו זיין אָנדענק, האָבן געטראָגן אַ בולטן פּאָליטיש־פּאַטריאָטישן כאַראַקטער. אויך אין די יידישע שולן אין וואַרשע זענען איינגעאָרדנט געוואָרן הזכרות מיט הספדים, און מען האָט אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלע ווענדונג צו די יידן אין פּוילן.

ווי עס איז צו זען, האָבן אין די דעמאָנסטראַציעס און פּאַטריאָטישע אַרויסטרעטונגען, וואָס זענען געווענדט קעגן וויעלאָפּאָלסקין און דער אָקופּאַנטישער מאַכט, גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל נישט בלויז די יידישע יוגנט, נאָר אויך פּשוטע יידישע פאָלקסמענטשן. אויף וויפל מייזעלס האָט אין דער דורך אונדז באַהאַנדלטער צייט מיטגעווירקט אינעם אויפמונטערן די יידישע פאָלקסמאַסן צו אַקטיווקייט איז שווער פעסטצושטעלן, ווייל, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט איז דער דאָקומענטאַציע־מאַטעריאַל, וואָס וואָלט געקאָנט געבן ענטפערן אויף דעם פאַרניכטעט געוואָרן. אָבער עטלעכע אָפּגעראַטעוועטע קאָפּיעס פון דאָקומענטן, וואָס געפינען זיך אין אונדזער רשות, דערווייזן, אַז אויך די געשעענישן פון אַפּריל און מיי זענען נישט געווען פריי פון מייזעלס' השפּעה.

לויט דאָקומענטן פונעם נאַמיעסטניק־אַרכיוו האָט דער ניי־נאָמינירטער נאַמיעסטניק, מיקאָלאַי סוכאָזאַנעט, אין יוני 1861 אַרויסגערופן וויעלאָפּאָלסקין און געוויזן אים אַן אויפרוף, וואָס מייזעלס האָט אין דער צייט אַרויסגעשיקט צו די יידן אין פּוילן. גלייכצייטיק האָט ער באַמערקט, אַז לויט זיין מיינונג איז שוין די העכסטע צייט צו מאַכן מייזעלסן אומשעדלעך, אַז מען וואָלט געדאַרפט מייזעלסן אַרויסשיקן פון די גרענעצן פון קאָנגרעס־פּוילן. וויעלאָפּאָלסקי האָט שריפטלעך געענטפערט דעם נאַמיעסטניק, אַז לויט זיין מיינונג וואָלטן רעפּרעסיעס קעגן מייזעלסן געקאָנט אַרויסרופן אַ שטאַרקע אויפרעגונג צווישן די יידן און דערפירן צו אומרוען. אין רעזולטאַט פון דעם ענטפער איז דעם 21טן יוני אָפּגעשטעלט געוואָרן די געהיימע אויספאָרשונג קעגן מייזעלסן.

אויף מייזעלס' אומדערמידלעכער און פאַרצווייגטער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט שוין אין דער ערשטער צייט פון וויעלאָפּאָלסקיס אַמטירן זאָגט עדות די דרשה, וואָס מייזעלס האָט געהאַלטן ראש־השנה (6טן סעפּטעמבער) אין וואַרשע און נאָך יום־טוב זי פאַרנאַנדערגעשיקט צו די יידישע קהילות פון קאָנגרעס־פּוילן. אַ צווייטער דאָקומענט איז אַ בריוו קיין לענטשיץ פון 11טן סעפּטעמבער.

די דרשה האָט ער אָנגעהויבן מיט דעם פּסוק פון תהילים: „מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד" — „ווי גוט און אָנגענעם עס איז, ווען ברידער זיצן צוזאַמען". נאָך דעם האָט מייזעלס דערקלערט: אונדזער גרעסטער רעליגיעזער אויטאָריטעט (פּוסק), וואָס אויף זיינע פעסטשטעלונגען (הלכות) שטיצט זיך דאָס גאַנצע יידישן הויז (דאָס רעליגיעזע לעבן), — דער רמ"א (משה איסרלס קראָקעווער רב אין 16טן י"ה — א. ק.) האָט אונדז אין זיינע פאַרשריפטן וועגן דער באַציאונג פון יידן צו פעלקער פון אַנדערע רעליגיעס אָנגעוויזן, אַז דעם פּוילישן שטאַם דאַרפן מיר ליב האָבן מער ווי אַנדערע פעלקער, ווייל זיי זענען אונדזערע ברידער פון דור־דורות. דער רמ"א האָט אויך געשריבן, אַז עס איז ליבער אַ



טרוקן שטיקל ברויט אין רואיקן פּוילישן לאַנד, וואו עס איז נישטאָ צו אונדז קיין שנאה. מייזעלס האָט ווייטער אָנגעוויזן אין דער דרשה, אַז אַ דאַנק דער טאָלעראַנץ פונעם פּוילישן פאָלק האָבן די פּוילישע יידן מער ווי אַנדערע לענדער זיך דערהאַלטןביים לעבן־שטייגער און געזעצן פון זייערע אבות.

„דעריבער — רופט מייזעלס אויס — דאַרפט איר, זין פון ישראל, וואָס אין אייערע הערצער איז פאַרפלאַנצט און איבערגעגעבן געוואָרן דורך אונדזערע הייליקע אבות די מידה פון ליבע און דאַנקבאַרקייט צו די יעניקע, וועלכע טוען אונדז גוטס, — ליב האָבן דעם געבוירן־שטאַם פון אונדזער לאַנד. זאָלן מיר זיך באַמיען וועגן זייער שלום און וואויל. איך טו דעריבער דערקלערן, אַז דער חוב אונדזערער איז, מיר זאָלן ליב האָבן די זין פון פּוילישן לאַנד און נישט פאַרגעסן דאָס גוטס וואָס זיי האָבן אונדז אַרויסגעוויזן".

„...מיר זענען גרייט זיי צו דערמאָנען אין דעם הייליקן אָרט (מקום קדוש) פאַר דער אינטענץ פון זייער וואויל. מיר זענען אויך גרייט מנדר צו זיין צדקה פאַר די נשמות פון זייערע פאַרשטאָרבענע פּאַטריאָטן".

מען דאַרף קענען די אינערלעכע וועלט פון דעם רעליגיעזן יידן פון 19טן יאָרהונדערט כדי צו קאָנען ווי געהעריק אָפּשאַצן דעם פאַקט, וואָס דער אַלטער הויפּט־רב פון דער גרעסטער יידישער קהילה אין אייראָפּע האָט געהאַלטן פאַר פּאַסיק און מעגלעך אַרויסצוטרעטן אין דעם „פּראַקטיקן טאָג פון יום־הדין" פאַר תקיעת־שופר מיט אַזאַ מין דרשה.

פון דעם געזאָגטן איז בולט זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין לאַנד. נאָך דעם ווי וויעלאָפּאָלסקי איז אַריינגעטראָטן אין דינסט פון דער אָקופּאַנטישער מאַכט, האָט מייזעלס פאַרשטאַרקט, דערמונטערט און צוגעגרייט די יידישע באַפעלקערונג אין וואַרשע און אין לאַנד צו די פּלאַנירטע רעוואָלוציאָנער־פּאַטריאָטישע אַרויסטרעטונגען אויפן אָנקומענדיקן האַרבסט.

## דער ווייטערדיקער קאַמף אין תפיסה

דער חודש אָקטאָבער פון יאָר 1861 האָט געזאָלט זיין — לויט די פּלענער פון די רעוואָלוציאָנער־פּאַטריאָטישע טוער — אַ חודש פון פאַרשטאַרקטער טעטיקייט. זיי האָבן געפּלאַנט צו אָרגאַניזירן אַ צוזאַמענפלי־מאַניפעסטאַציע אינעם שטעטל האָראָדליע (הרוביעשאָווער פּאָוויאַט). אין צוזאַמענהאַנג מיטן קאָשציושקאָ־יאָרטאָג וועלכער פאַלט אויס דעם 15טן אָקטאָבער, זענען געפּלאַנט געוואָרן מאַניפעסטאַציעס אויף די פעלדער פון מאַטשיעיאָוויץ. בשעת די צוגרייטונגען צו די דערמאָנטע און נאָך אַנדערע אַרויסטרעטונגען איז אונטערגעקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען וואַרשע גופא אין אַ געביט פון די גרעסטע פּאָליטיש־פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס. דעם 5טן אָקטאָבער איז געשטאָרבן דער אַלטער אַרצעביסקופּ פיאַלקאָווסקי וואָס האָט געוואונען גרויס סימפּאַטיע צוליב זיין פּאַטריאָטיזם און זיין נעגאַטיווער שטעלונג לגבי דער אָקופּאַנטישער מאַכט. הרב מייזעלס האָט גערופן די יידישע באַפעלקערונג צו אַ מאַסן־אָנטייל אין דער לוויה. צו מאָרגנס, ווען עס איז אין פּאַלאַץ פונעם אַרצעביסקופּ עפנטלעך אויסגעשטעלט געוואָרן דער קערפּער פון פאַרשטאָרבענעם, האָט זיך באַוויזן הרב מייזעלס אין זיין רבנישער טראַכט בראש פון אַ יידישער דעלעגאַציע. ביים אַריינגאַנג צום פּאַלאַץ איז ער אויפגענומען געוואָרן פייערלעך דורך צוויי גלחים, און ביי אַ גרויסן ענטוזיאַזם פון די פאַרזאַמלטע פּאָליאַקן האָט ער צוזאַמען מיט דער דעלעגאַציע פאַרביימאַרשירט פאַרן אַרויסגעשטעלטן קערפּער פונעם פאַרשטאָרבענעם.

אין דעם ראַפּאָרט פון דער געהיים־פּאָליציי ווערט אָנגעוויזן אויף דעם אויסער־געוויינלעכן פּאָליטישן באַדייט, וואָס די לוויה־מאַניפעסטאַציע האָט געהאַט דורך דעם, וואָס אין איר האָבן אָנטייל גענומען עטלעכע טויזנט פּויערים און געזונגען פּאַטריאָטישע לידער. אָבער דעם כאַראַקטער פון אַ ריזיקער פּאָליטישער מאַניפעסטאַציע, שרייבט אונטער דער ראַפּאָרט, האָט די לוויה באַקומען אַ דאַנק דעם אָנטייל פון די יידישע רבנים און פון דער יידישער יוגנט.

**אויף דער אויפנאַמע פאַר דער פּויערים־דעלעגאַציע, וואָס איז**

צו מאָרגנס נאָך דער לוויה, דעם 11טן אָקטאָבער, איינגעאָרדנט געוואָרן אין האָטעל „אייראָפּייסקי”, איז געווען אָנוועזנדיק אַ גרויסע צאָל יידישע יוגנט, וועלכע האָט געפירט אַן אַגיטאַציע צווישן די פּויערים. בעת די טאָסטן, וואָס זענען דאָרט געהאַלטן געוואָרן, איז אויך געווען איינער „פאַרן וואוילזיין פון אונדזערע יידישע ברידער”.

דערווייל שטייגט די רעוואָלוציאָנערע שטימונג אין וואַרשע און אין גאַנצן לאַנד פון שעה צו שעה. בפרט האָבן געשטאַרקט דעם רעוואָלוציאָנערן מוט ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג, די ידיעות וועגן שטייגנדיקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין רוסלאַנד גופא. אין וואַרשע האָבן זיך אויך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז הערצען איז אַרויסגעפאָרן פון לאָנדאָן קיין רוסלאַנד, כדי אָנצופירן מיט דער רעוואָלוציע, וועלכע גרייט זיך אין פּעטערבורג. די אַלע פאַקטן האָבן אַרויסגערופן באַאומרואיקונג ביים צאַר און זיין אָקופּאַנטישן אַפּאַראַט. דעם צווייטן אָקטאָבער 1861 האָט דער נאַמיעסטניק לאַמבערט געשיקט אַזאַ טעלעגראַמע צום צאַר:

„צוליב די נייע באַאומרואיקנדיקע מיטטיילונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער הזכרה נאָך קאָשציושקאָ, וועלכע דאַרף פּאַרקומען מאָרגן, האָב איך געהאַלטן פאַר נייטיק איינצופירן תיכּף קריגסצושטאַנד אין גאַנץ קרוין־פּוילן”.

נאָכן איינפירן קריגסצושטאַנד זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן ספּעציעלע פאַראָרדענונגען. צווישן אַנדערע איז אונטער די דראָאונגען פון קריגסגעריכט פאַרבאָטן געוואָרן אָפּצוריכטן הזכרות נאָך פּאָליטישע „פאַרברעכער” און זינגען אין די קירכן פּאַטריאָטישע לידער. אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע דראָאונגען, האָבן זיך דעם 15טן אָקטאָבער שוין אין די פרימאָרגן־שעהען אָנגעהויבן זאַמלען מאַסן מענטשן אין די וואַרשעווער גאַסן.

נאָכן אָפּריכטן די הזכרה פאַר קאָשציושקאָן האָבן די פאַרזאַמלטע אין די קירכן אָנגעהויבן זינגען פּאַטריאָטישע לידער. עס איז כדאי צו באַטאָנען, אַז אין די פריערדיקער נאַכט האָט דער וואַרשעווער אייבערפּאָליצמייסטער פּילסודסקי אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג אַז אויב עס וועלן אין די קירכן געזונגען ווערן פּאַטריאָטישע לידער, זאָל די פּאָליציי תיכּף אַרויסרופן מיליטער, אַרומרינגלען די קירך און אַרעסטירן ביים אַרויסגאַנג אַלע דערוואַקסענע מענער. לויט דער דאָזיקער פאַראָרדענונג זענען די קירכן באַלאַגערט געוואָרן דורך מיליטער, און די פאַרזאַמלטע זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו פאַרלאָזן די קירך. די פאַרזאַמלטע האָבן באַשלאָסן נישט אַרויסצוגיין ביז דאָס מיליטער וועט אַוועק.. די באַלאַגערונג האָט געדויערט דעם גאַנצן טאָג פון 15טן אָקטאָבער און די נאַכט אויפן 16טן, פון די טויזנטער מענער, פרויען און קינדער, וואָס זענען געווען פאַרשפּאַרט אין די קירכן, האָט זיך קיינער נישט דערוועגט צו ברעכן די סאָלידאַרישקייט און פאַרלאָזן דאָס געבעטהויז. אין די קירכן האָט זיך אויך געפונען אַ סך יידישע יוגנט, וועלכע האָט צוזאַמען מיט דער פּוילישער יוגנט צוגעגעבן פּאַטריאָטישן מוט די פאַרשפּאַרטע.

ווען עס האָט זיך צום יידישן יונגן־מאַן יעקב לובעלסקי, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך ביים אַרויסגאַנג פון דער קירך, געווענדט אַ פּאַטרול־אָפיצער און אים דערקלערט, אין נאָמען פון גענעראַל כרובאָוו, אַז אויב ער האָט נישט געזונגען, קאָן ער אומבאַשטראָפט פאַרלאָזן די קירך, האָט לובעלסקי שטאָלץ געענטפערט: „איך האָב געזונגען און פון דער קירך וועל איך נישט אַרויסגיין”. דערביי האָט ער צוריקגעצויגן אַ קריסטלעכע פרוי, וואָס האָט געוואָלט פאַרלאָזן די קירך.

פאַר טאָג פון 16טן אָקטאָבער האָט זיך דאָס מיליטער אַריינגעריסן אין די קירכן, אַרעסטירט אַלע מענער און אָפּגעפירט אין ציטאַדעל. אויפן וועג האָט מען זיי אומברחמנותדיק געשלאָגן. בפרט האָט דאָס צאַרישע מיליטער אַרויסגעוויזן אַ ספּעציעלע שנאה צו די סטודענטן און יידן, וועלכע האָבן געמוזט דעם וועג צום ציטאַדעל אַדורכמאַכן מאַרשירנדיק אין רייען, ווי קריגס־געפאַנגענע.

ווי אַ פּראָטעסט קעגן דער פּראָפאַנאַציע פון דער בערנאַרדינער קירך און פון דער קירך פון „הייליקן יאַן” דורך אַריינרייסן זיך פונעם מיליטער און אַדורכפירן אַרעסטן, איז די קאָנסיסטאָריע געצוואונגען געווען, אונטערן דרוק פון פאָלק, צו פאַרמאַכן אַלע קירכן אין וואַרשע.

מייזעלס האָט געהאַלטן, אַז דאָס אַריינרייסן זיך פון מיליטער אין די קירכן און דאָס אַדורכפירן דאָרטן מאַסן־אַרעסטן, אויך דאָס אַרעסטירן אַ סך יידן, וועלכע האָבן געהאַט, לויט זיין מיינונג, דאָס רעכט צו זיין אָנוועזנדיק אויף אַ פּאַטריאָטישער הזכרה — איז נישט קיין קאַטוילישע־רעליגיעזע פראַגע, נאָר אַן ענין פון באַליידיקן און טעראָריזירן דאָס פּוילישע פאָלק. צוליב דעם דאַרפן אויך די יידן ענטפערן דער אָקופּאַציע־מאַכט מיטן זעלבן פּראָטעסט ווי די קאַטאָליקן, ד״ה מען דאַרף פאַרמאַכן די יידישע שולן. מייזעלס האָט פאָרגעלייגט די פריידיקער פון די פּראָגרעסיווע שולן ד״ר יאַסטראָוו און קראַמשטיק זיין פּלאַן, אויף וועלכן זיי האָבן תיכּף מסכּים געווען. וועגן דעם האָט זיך דערוואוסט די מאַכט, און דער וואַרשעווער אייבערפּאָליצמייסטער פּילסודסקי האָט אַרויסגערופן מייזעלסן, יאַסטראָוון און קראַמשטיקן און זיי מתרה געווען אין נאָמען פון נאַמיעסטניק, אַז ער וועט זיי מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאַרמאַכן די שולן. פאַרשטייט זיך אַז איצט, נאָך דעם בפירוש פאַרבאָט, איז דאָס פאַרמאַכן די שולן געווען פאַרבונדן מיט אַ דירעקטער געפאַר. מייזעלס האָט אָבער באַשלאָסן, אַז יידן מוזן פאַר יעדן פּרייז אַרויסווייזן זייער פּראָטעסט און סאָלידאַרישקייט מיטן פּוילישן פאָלק, און דאָס איז אין געגעבענעם מאָמענט מעגלעך נאָר דורך פאַרמאַכן די שולן. צוליב דעם האָט מייזעלס אַרויסגערופן צו זיך אויף אַ באַראַטונג די דאָזיקע פאָרשטייער פון די שולן און זיי איבערגעגעבן זיין פריערדיקן פּלאַן צוזאַמען מיטן פאַרבאָט פונעם נאַמיעסטניק. כדי צו געווינען די דאָזיקע פאַר זיין פּלאַן האָט ער זיי פאָרגעלייגט אַז די דאָזיקע זאָלן מעלדן דער פּאָליציי, זיי זענען געצוואונגען געווען צו שליסן די שולן צוליב דער געפאַר, אַז די פּוילישע יוגנט זאָל באַזוכן די שולן און זינגען דאָרטן פּאַטריאָטישע לידער. די פאַרזאַמלטע האָבן מסכּים געווען מיט מייזעלס' פאָרשלאָג און דעלעגירט מייזעלסן, יאַסטראָוון און קראַמשטיקן צום אייבערפּאָליצמייסטער, כדי אים צו מעלדן וועגן זייער באַשלוס. דעם 18טן אָקטאָבער זענען אַ טייל שולן אין וואַרשע, אויף מייזעלס' באַפעל, פאַרמאַכט געוואָרן. די יידישע דעמאָנסטראַציע, — וואָס האָט זיך נישט גערעכנט מיטן בפירוש פאַרבאָט — און דאָס, בשעת וואַרשע געפינט זיך אין קריגסצושטאַנד — האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די אָקופּאַנטישע מאַכט. לויטן אויפטראָג פון דעם נייעם נאַמיעסטניק, ליידערס, האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר קריזאַנאָווסקי דעם 28טן אָקטאָבער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו אַרעסטירן מייזעלסן, יאַסטראָוון און קראַמשטיקן. זיי זענען טאַקע ביי נאַכט געוואָרן אַרעסטירט און אָפּגעפירט אינעם ציטאַדעל.

יאַסטראָוו שילדערט דעם ערשטן איינדרוק, וואָס עס האָט אויף אים געמאַכט די ידיעה, אַז מייזעלס איז אַרעסטירט, און ווי אַזוי ער האָט זיך געטראָפן מיט מייזעלסן, בעת מען האָט אים געפירט אין פּאַווילאָן. ער דערציילט: „ווען דער אָפיצער, וואָס האָט מיך געפירט, האָט מיר געזאָגט, אַז אויך מייזעלס און קראַמשטיק זענען אין דער זעלביקער נאַכט אַרעסטירט געוואָרן, האָט מיך אָנגענומען אַ רחמנות אויף דעם אייזעלן מייזעלס און אויף קראַמשטיקן, וואָס איז געווען אַ מטופּל מיט קינדער”.

ווייטער שרייבט יאַסטראָוו: „אינעם קאָרידאָר פון ערשטן פּאַווילאָן האָב איך געטראָפן מייזעלסן, וואו מען פירט אים אין דער צעלע אַריין. מייזעלס האָט געהאַלטן אין האַנט אַ בוך, וועלכן ער האָט צוגעדריקט צו זיך אַזוי ווי אַ טייערן פריינד. איך האָב אים אין דער האַלב־פינצטערניש דערקענט לויט זיין דערהויבענעם שטאָלצן גאַנג”.

וואָכן לאַנג האָט געדויערט די אויספאָרשונג. עטלעכע מאָל אין טאָג פלעגט מען דעם 64יעריקן זקן אַרויספירן אויף פאַרהערן, כדי אים פיזיש אויסצומאַטערן און דערמיט צווינגען זיך מודה זיין אין זיין „פאַרברעכן”, און דער עיקר, אַרויסבאַקומען פון אים די נעמען פון די אָנפירנדיקע רעוואָלוציאָנערן. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע זיך געווענדט שריפטלעך צו אים און צו יאַסטראָוון און פאַרלאַנגט אַ שריפטלעכן ענטפער אויף די ווייטערדיקע פראַגן:

1. פאַר וואָס האָבן די יידן, ווען זיי זענען פאַרפאָלגט געוואָרן דורך קריסטן (לייען: פּאָליאַקן — א. ק.) זיך נישט געווענדט מיט זייערע אָנקלאַגעס צו דער רעגירונג, ד״ה צום נאַמיעסטניק?

2. וואָס דערוואַרטן די יידן פון זייער פאַראייניקונג מיט די קריסטן?

3. ווי אזוי איז די יידיש־קריסטלעכע פאַראייניקונג צו־שטאַנדגעקומען, און וועלכע פערזאָנען זענען צום טעטיקסטן ביים דורכפירן די פאראייניקונג?

די פראַגעס זענען באַגלייט געוואָרן מיט אַ „העפלעכער" צו־שריפט: „אויף אַלע פראַגעס וועט איר אזוי גוט זיין צו ענטפערן מיט דער גרעסטער אָפנהאַרציקייט".

מייזעלס האָט זיך פאָרמעל אָפּגעזאָגט צו געבן אַן ענטפער אויף די פראַגעס. דערקעגן האָט ער געהאָלפן יאסטראָוון, וועלכער איז געזעסן מיט אים אין איין צעלע, צונויפשטעלן זיין ענטפער.

אין מייזעלס' און יאסטראָווס ענטפער, וואָס איז געשריבן אין זייער אַ פאָרזיכטיקן טאָן, ווערט אָנגעוויזן, אַז די געשיכטע פון די יידן אין דער לעצטער צייט לערנט אונדז, אַז די פאַרערגערונג פון דער יידישער לאַגע איז אָפּהענגיק פון צוויי מאָמענטן, וועלכע זענען ענג פארבונדן צווישן זיך: 1) דער איבערגעטריבענער נאַציאָנאַליזם, וואָס רעגט אָן צו פאַרפאָלגן די יידן און פאַרערגערן זייער רעכטלעכע לאַגע. 2) צום פארשטארקן די אַנטיסימיטישע שטימונגען ביי די מאַסן ווירקט אַ סך מיט דער אדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט. פון אים איז אויך אָפּהענגיק, אין וועלכער מאָס די אַנטי־יידישע געזעצן וועלן איינגעפירט ווערן אין לעבן. דאָס אויסשליסן די יידן פון די רעכט, וועלכע גילטן פאַר אַלע איינוואוינער, שאַפט ביים פאָלק בנוגע זיי פאָראורטיילן, וועלכע פאַרשטאַרקן זיך כסדר און פארוואַנדלען זיך צום סוף אין דורכויסיקן האַס.

ווייטער ווייזן די מחברים אָן, אַז די לאַגע פון די יידן קאָן אויסגעבעסערט ווערן: א) דורך דער איניציאַטיוו פון דער רעגירונג גופא. למשל, אין פראַנקרייך האָט די רעגירונג אין נאָמען פון דער־הויבענע אידעאַלן אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן די פאָראורטיילן פון די מאַסן און אים זיגרייך דערפירט ביז צום סוף. ב) אין געוויסע לענדער האָבן די יידן־פראַגע אויפגעהויבן די צום מערסטן באַוואוסטזיניקע טיילן פון פאָלק, וועלכע האָבן זיך איבערצייגט אַליינס בירגערלעכן ווערט פון די יידן. זייער מיינונג האָט גורם געווען, אַז די רעגירונגען זאָלן שטופנווייז באַזייטיקן די יידן־באַגרענעצונגען. דער דאָזיקער פּראָצעס קומט איצט צום טייל פאָר אין לאַנד.

נאָכן אריינפיר גייט דער ענטפער איבער צו דער לאַגע פון די יידן אין פוילן.

אויפן סמך פון אַ סך פאַקטן דערווייזן די מחברים, אַז די עקסיסטירנדיקע יידן־באַגרענעצונגען ווערן מיט אַ ספּעציעלן אייפער אויסגעפירט דורך אַלע אָרגאַנען פון דער אָקופּאַנטישער אַד־מיניסטראַציע: אָנהייבנדיק פונעם מיניסטער, צו וועמען די יידן ווענדן זיך נאָך גערעכטיקייט, ביז צום זשאַנדאַר אין שטעטל. וואָס שייך דער לעצטער פראַגע, ווייזן אָן די מחברים אַז די פאַראייניקונג איז אַ באַשערטע זאַך פון גאָט, וועלכער קומט אין אַלע שווערע צייטן צו הילף דעם יידישן פאָלק. און דעריבער זענען זיי נישט אין שטאַנד אויפצוקלערן ווי אַזוי זי איז צו שטאַנד געקומען. אויך איצט, ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגענומען ערנסטע פאָרמען, האָט גאָט געעפנט די אויגן, קודם־כל ביי דער אַקאַדעמישער יוגנט, וועלכע האָט מיט אַ מאָל איינגעזען אַז זייערע יידישע קאָלעגן זענען גוטע בירגער. די יוגנט האָט געווירקט אויף די איבעריקע טיילן פונעם פוילישן פאָלק איבערצורייסן מיט דעם יידנהאַס.

אויף די ערשטע צוויי פראַגעס: פאַר וואָס די יידן האָבן נישט קיין צוטרוי צו דער „רעגירונג", און וואָס די יידן [illegible] דעם פאָ[illegible] זיך מיט די פ[illegible] פון פוילישן פאָלק און אקאדעמישער יוגנט, האָבן מייזעלס און יאסטראָוו גע־[illegible] ענטפער, [illegible] אין [illegible]טליכן, אַז די מחברים האָטן פאַר נייטיק צו דערמאָנען די „אקאַדעמישע יוגנט", וועלכע איז אין די אויגן פון דער אָקופּאַנטישער מאַכט באַטראַכט געווען ווי דער הויפּטהעצער צום אויפשטאַנד. דערקעגן אויף דער דריטער פראַגע האָבן זיי אויסגענוצט זייער רבנישן שטאַנד און אָפּגעשיקט די קאָמיסיע צו גאָט. אַחוץ דעם געטלעכן מאָטיוו, גיט דער ענטפער אויך אָנצוהערן אַז אין באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם און אין דעם איבערבראָך וואָס איז פאָרגעקומען אין דער באַציאונג פון דער פוילישער באַפעלקערונג צו די יידן, האָט פאַרדינסטן די אויסלענדישע דעמאָקראַטישע פרעסע, וועלכע האָט גענומען אין שוץ די יידן בעת דער לעשניעווסקי־קאַמפּאַניע.



ווי עס איז צו זען, איז דער ענטפער געשריבן אין אַ פאָר־זיכטיקן אָבער אין אַ גענוג געוואַגטן טאָן. ווען מיר נעמען אין אַכט, אַז דאָס האָבן געשריבן ארעסטאַנטן, וועלכע געפינען זיך אין די נעגל פון אַ תליונישער מאַכט, און וועלכע עס שטייט פאַר אַ קריגסגעריכט און אַז זיי האָבן זיך דערלויבט צו דערמאָנען דעם וועג פון פראַנקרייך אויף צו באַקומען רעכט פאַר יידן, אָדער דאָס דערגרייכן די רעכט דורך אַ דרוק פון די פאָלקסמאַסן אויף דער רעגירונג, — מוזן מיר קומען צום אויספיר, אַז מען קאָן באַצייכענען דעם ענטפער ווי ממש אַ רעוואָלוציאָנערן.

זעענדיק, אַז קיין שום מיטלען קאָן נישט ווירקן אויף מייזעלסן, ער זאָל „רעדן", האָבן די צאַרישע מאַכטהאָבער זיך אַנט־שלאָסן אויף אַ שענדלעכן פּרואוו. אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך געעפנט די שווערע טיר פון דער צעלע, און עס האָט זיך באַוויזן אין איר דער קריגס־גובערנאַטאָר קריזאַנאָווסקי.

— ווי גייט עס, ליבע פריינד? — רופט אויס דער האָניק־זיסער און שלאַנג־גיפטיקער קריגס־גובערנאַטאָר (יאסטראָווס באַצייכענונג).

— פריינד? — ענטפערט מייזעלס, — יאָ, אַ מאָל האָט זיך געדאַכט אַז מיר זענען פריינד, אָבער איצט זיינט איר קריגס־גובערנאַטאָר, און איך אַן ארעסטירטער. צי קאָנען מיר נאָך זיין פריינד?

— אויך איצט, אויב איר וועט אונדז עפּעס זאָגן און וועלן געבן וועלכע עס איז אינפאָרמאַציעס, — האָט דער גובערנאַטאָר געזאָגט און זיך כיטרע ארומגעקוקט.

דער גרייז־גראָער מייזעלס איז מיט אַ יוגנטלעכן ברען אויפגעשפּרונגען, זיין מאָגערע פיגור האָט זיך ווי דערהויבן אין דער לופט, און ער האָט געזאָגט: „איך האָב גאָרנישט וואָס צו זאָגן. אָנשטאָט צו געבן אייך געוויסע אינפאָרמאַציעס און אויף מיינע אַלטע יאָרן ווערן אַ מסור, וואָלט איך בעסער געוואָלט פאַרפוילט ווערן אין די מויערן". דער צאַרישער מיניסטער איז רויט געוואָרן פאַר בושה און כעס און מיט רוגזה ארוים פון דער צעלע.

די צאַרישע תליונים, וועלכע מייזעלס האָט מיט זיין האַלטונג ארויסגעפירט פון די כלים, האָבן איצט באַשלאָסן צו שיקן אויף דער תליה דעם גרייז־גראָען רב, אין וועלכן זיי האָבן געזען די פאַר־זאָניפיצירונג פון אַ פוילישן פּאַטריאָט און שטאָלצן ייד. גאַנצע שטאָבן עדות זענען ארויסגערופן געוואָרן כדי צו דערווייזן מייזעלס' שולד. דער דערמאָנטער קריזאַנאָווסקי האָט אָפּגעגעבן אַ גרעסערע דערקלערונג, אין וועלכער ער שרייבט צווי"א:

„...דאָס שליסן די שולן איז געווען אַ פּאָרויס גע־פּלאַנט נאָכוואַכן דאָט שליסן די קאַטוילישע קירכן, עס איז אַ רעגירונגס־פיינטלעכע מאַניפעסטאַציע וואָס איר ציל איז צו ווייזן די פאָליאַקן, אַז די יידישע באַפעלקערונג איז איינשטימיק מיט זיי... לויט מיין מיינונג איז מייזעלס שולדיק אין אָפענער צוזאַמענאַרבעט מיט די הויפּט־אָנפירער פון די אומרוען אין יאָר 1861.

אויב די פאָליאַקן האָבן ביז איצט פיינט געהאַט די יידן און זיי גערודפט, איז נישט פאַרשטענדלעך ווי אַזוי די אונטערדריקטע האָבן אין אַזאַ מאָס געקאָנט גלייבן די הבטחות פון זייערע אייביקע פּאַופּאָלגער, בפרט אין מאָמענט ווען די לעצטע האָבן זיי געדאַרפט. עס איז שווער צוגלייבן אַז דער קלוגער פאָרויסזעעוודיקער מייזעלס זאָל זיך אַזוי בלינד לאָזן אָפּנאַרן, און גלייבן אין די פאַרזיכערונגען פון דער פוילישער דעמאַגאָגישער יוגנט. עס איז וואַרשיינלעכער, אַז מייזעלס און זיינע מיטהעלפער האָבן געוואָלט „ארויסשאַרן דאָס אַש מיט פרעמדע הענט" און באַשלאָסן צו פאראייניקן זיך איינשטימיק מיט די צעבונטעוועטע פאָליאַקן אין דער האָפענונג צו דערגרייכן עפּעס דורך בשותפותדיקע מאַניפעסטאַציעס און מכלומרשטער פריינדשאַפט מיט דער פוילישער מאַסע. אַזאַ אויסרעכענונג איז פאַרברעכעריש, ווייל עס אַנטהאַלט אין זיך אַ בונט. די פאַרברעכערישע התחלה האָט אויך געגעבן אין אַלע הינזיכטן פאַרברעכערישע רעזולטאַטן. וואָס פאַר אַ סקאַנדאַליעזע דערשיינונג איז די פריינדשאַפט צווישן דעם ארצביסקופּ און דעם רבֿ! עס האָט זיי נישט פאראייניקט נישט

קעגנזייטיקע צוגעבונדנקייט, נישט דרך־ארץ מצד איין רעליגיע פאַר דער צווייטער, נאָר אַ בשותּפותדיקע רעוואָלוציאָנערע כוונה. מייזעלס האָט, נאַטיורלעך, אויסגעצייכנט געוואוסט, אַז די קירכן זענען געשלאָסן צוליב דעם נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד".

ווי עס איז צו זען פון דער ציטירטער דערקלערונג, באַמיט זיך קריזאַנאָווסקי אַרויפצולייגן די הויפּטשולד אויף מייזעלסן. גלייכצייטיק פאַרגעסט אָבער דער מנוול די מאָראַלישע מפּלה וואָס מייזעלס האָט אים פאַרשאַפט, און באַמיט זיך אַרונטערצורייסן אין די אויגן פון די ריכטער מייזעלס' ערלעכן נאָמען פון אַ אידעאישן מענטש.

די צאַרישע תּלינים וואָלטן אפשר געווען אַדורכגעפירט זייער באַשלוס און מייזעלסן געשיקט אויף דער תּליה, ווען נישט דער געוואַלדיקער אָפּקלאַנג, וואָס דער פּראָצעס האָט אַרויסגערופן אויסער די גרענעצן פון לאַנד. אויסנוצנדיק די געלעגנהייט וואָס מייזעלס איז געווען אַן עסטרייכישער בירגער, האָבן געוויסע יידישע ספערעס אין ווין אינטערווענירט ביים עסטרייכישן אויסערן־מיניסטער לטובת מייזעלסן. דער מיניסטער האָט באַאויפטראָגט דעם עסטרייכישן גענעראַל־קאָנסול אין וואַרשע, ער זאָל אונטערנעמען אַן אינטערווענץ ביי דער צאַרישער מאַכט אַרויסצולאָזן מייזעלסן פון אירע נעגל.

אין רעזולטאַט פון די באַמיאונגען האָט דאָס קריגסגעריכט אַרויסגעגעבן אַ פּסק־דין אַז מייזעלס ווי אַ פרעמדער בירגער ווערט אַרויסגעשיקט פון דער רוסישער אימפּעריע.

אַרום 10טן פעברואַר 1862 האָט דאָס וואַרשעווער קריגס־געריכט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל, לויט וועלכן מייזעלס ווי אַן עסטרייכישער בירגער דאַרף תּיכף פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דער עסטרייכישער קאָנסול האָט געפּרואווט אינטערווענירן לטובת מייזעלסן, עס זאָל אים געגעבן ווערן די מעגלעכקייט צו פאַרבלייבן נאָך עטלעכע וואָכן אין וואַרשע אויף צו דערלעדיקן זיינע ענינים. אין דעם זעלבן ענין האָט אויך אינטערווענירט אַ דעלעגאַציע פון וואַרשעווער יידן ביים נאַמיעסטניק. אין דער יידישער אינטערווענץ האָט די צאַרישע מאַכט געזען אַ פּרואוו פון מאַכן אַ דרוק אויף איר מצד דער יידישער באַפעלקערונג. די יידישע אינטערווענץ האָט צוליב דעם אָפּגעשוואַכט די אונטערגענומענע באַמיאונגען מצד דעם עסטרייכישן קאָנסול, און אין רעזולטאַט האָט די צאַרישע מאַכט אָפּגעזאָגט דאָס אַרויסלאָזן מייזעלסן אויף עטלעכע וואָכן פון ציטאַדעל. דערקעגן האָט זי אים געוואָלט דערלויבן צו פאַרבלייבן אַ קורצע צייט אין וואַרשע, בתנאי ער זאָל פאַר דער דאָזיקער צייט וואוינען אין ציטאַדעל און האָבן רעכט פריי אויפצונעמען דאָרטן זיין פאַמיליע און באַקאַנטע, און אויך דערלעדיקן זיינע ענינים. מייזעלס האָט דעמאָנסטראַטיוו רעזיגנירט פון דער דאָזיקער „פרייהייט" אין ציטאַדעל, און דעם 13טן פעברואַר פאַרלאָזט וואַרשע.

ביים פאַרלאָזן וואַרשע האָבן פּוילישע טוער דערלאַנגט מייזעלסן ווי אַ נאַציאָנאַלע מתּנה 20,000 רובל, איינגעפאַסטע אין די בילדער, וואָס זיי האָבן פאַרקויפט, וועלכע שטעלן פאָר מייזעלסן בעת זיין זיצן אין ציטאַדעל.

די ידיעה וועגן מייזעלס' אַרויסשיקן פון קאָנגרעס־פּוילן און וועגן זיין געפינען זיך אויפן וועג קיין גאַליציע האָט זיך בליצשנעל פאַרשפּרייט איבער גאַנץ גאַליציע. די פּאַטריאָטישע קרייזן אין קראָקע האָבן זיך געגרייט אים פייערלעך אויפצונעמען, און די סטודענטן האָבן געפּלאַנט צו באַגעגענען אים מיט אַ פאַקלצוג. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פאַרקויף פון מייזעלס בילד, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ גרויסע סומע געלט.

אין לוואָוו איז דער „דזשעננניק פּאָלסקי" אַרויס מיט אַן אַרטיקל אין וועלכן עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז אַ דאַנק מייזעלס גרויסע פאַרדינסטן פאַר פּוילן דאַרף אים לוואָוו פאַרבעטן פאַר אַ רב, ער וואָלט דאָ געפונען אַ פּאַסיק פעלד צו אַרבעטן.

נאָך אַ ריי אינטערווענצן און באַמיאונגען האָט די עסטרייכישע רעגירונג דערלויבט מייזעלסן צו באַזעצן זיך אין קראָקע. די פּאָליציי האָט באַקומען אַ פאַראָרדענונג גענוי צו קאָנטראָלירן זיינע באַוועגונגען און באַציאונגען.

במשך פון דער צייט, וואָס מייזעלס איז געזעסן אין קראָקע, זענען פון פאַרשיידענע זייטן געמאַכט געוואָרן באַמיאונגען צו דערמעגלעכן אים צוריקצוקומען קיין וואַרשע. די וואַרשעווער קהילה האָט זיך אָפּגעזאָגט אויפצונעמען אַ צווייטן רב אויף מייזעלס אָרט, הגם עס האָט זיך געפונען אַ גרופּע דאָזאָרעס, פאָלקס־פאַרטעער, וועלכע האָבן צוגעשיקט צו דער צאַרישער מאַכט אַ דאַנק־בריוו פאַר איר העלפן פּטור צו ווערן פון מייזעלסן. די ברייטסטע וואַרשעווער יידישע פאָלקסמאַסן האָבן אָבער נישט געוואָלט פאַרגעסן, אַז זייער באַליבטער אַקטיווער רב געפינט זיך אין גלות. אויך כמעט די גאַנצע פּוילישע געזעלשאַפט האָט געפאָדערט זיין צוריקקער קיין וואַרשע. אָנהייב סעפּטעמבער 1862 האָט דער נאַמיעסטניק, גרויספירשט קאָנסטאַנטין, דערלויבט מייזעלסן צוריקצוקומען און ווידער פאַרנעמען זיין אַמט.

## מייזעלס טויט. די באַדייטונג און ראָלע פון דעם גרויסן פּאַטריאָטישן קעמפער

סוף זומער 1862, ווען קאָנסטאַנטינס און וויעלאָפּאָלסקיס תּלינים האָבן שוין געהאַט אומגעבראַכט די רעוואָלוציאָנערן ריללע און זשאָנצאַ, און דער טעראָר קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט זיך פּיקפּאַך פאַרשטאַרקט, האָט וויעלאָפּאָלסקי ווידער געמאַכט פּרוואוון צו געווינען אַ טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג און אים אויסנוצן קעגן די אינטערעסן פון גאַנצן פאָלק. מיט דער דאָזיקער כוונה האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט אַ ריי פאַראָרדענונגען, וועלכע האָבן פאַרגעזען דאָס אָפּשאַפן אין קאָנגרעס־פּוילן די יידן־באַגרענעצונגען און דעם ספּעציעלן שטייער. ער האָט זיך געריכט אַז דורך אַזאַ צוגעוואָרפענער „פרייהייט" פאַר יידן וועט אים געלונגען לייכטער צו האַלטן אין צאַרישער פאַרקנעכטונג דאָס גאַנצע פאָלק אין קאָנגרעס־פּוילן.

אַזאַ איז געווען די לאַגע אין לאַנד ווען מייזעלס האָט זיך צוריקגעקערט קיין וואַרשע. דער גרויספירשט קאָנסטאַנטין האָט, אויף וויעלאָפּאָלסקיס אָנווייזונגען, געפירט געשפּרעכן מיט די יידישע גבירים ראָזען און קראָנענבערג. נאָך זיין קומען קיין וואַרשע איז אויך מייזעלס פאַרבעטן געוואָרן דורך דעם נאַמיעסטניק, וועלכער האָט מיט אים געהאַלטן אַ לאַנגן שמועס. בעתן שמועס האָט מייזעלס אויפגעקלערט דעם נאַמיעסטניק: „אַז יידן זענען געטריי דעם לאַנד וואו זיי לעבן", און אַז די יידישע תּורה לערנט זיי צו זיין אויף דער זייט פון די שוואַכע.

דער נאַמיעסטניק האָט געהאַלטן דעם שמועס פאַר אַזוי וויכטיק, אַז ער האָט תּיכף געשיקט קיין פּעטערבורג אַ באַריכט אין וועלכן ער באַצייכנט מייזעלסן ווי אַ קלוגן ייד, הגם נישט שטאַרק באַהאַוונט אין די ענינים פון פּאָליטיק. ער שטרייכט אויך אונטער אין זיין באַריכט אַז ער האָט אַרויסגעדרונגען פונעם געשפּרעך אַז מיט מייזעלסן „לאָזט זיך רעדן". זאָלן מיר דערביי באַמערקן, אַז פון מייזעלס' ווערטער איז צום ווייניקסטן געווען אַרויסצודרינגען אַז מיט די יידן וועט זיך לאָזן רעדן. אינגיכן האָט מען זיך טאַקע געקאָנט איבערצייגן אַז מייזעלס האָט זיך נישט געענדערט, אַז ער איז געווען און געבליבן אויף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַטריאָטן.

אויך וויעלאָפּאָלסקי האָט אַרויסגערופן מייזעלסן און אים דערקלערט: „פון איצט אָן (ד"ה נאָכן פאַרעפנטלעכן די דעקרעטן וואָס שאַפן אָפּ די אויסנאַם־געזעצן פאַר יידן — א. ק.) האָבן שוין די יידן נישט קיין סיבה זיך צו מישן אין געוויסע ענינים".

אַ טייל גביריש־יידישע קרייזן זענען טאַקע געווען גרייט זיך אויפצוהערן מישן אין געוויסע ענינים... און געהאָרכזאַם דינען דעם מלכות, אָבער די יידישע פאָלקסמענטשן, יידישע בעלי־מלאָכות און די פּראָגרעסיווע יוגנט, וועלכע האָבן באַוויזן במשך פון די יאָרן 1861—1862 נאָך ערגער זיך צו באַהעפטן מיט די פּוילישע קעמפער פאַר דער באַפרייאונג פון לאַנד, האָבן נישט געקלערט וועגן קיין שלום מיטן אָקופּאַנט. יידישע יונגעלייט זענען געפאָרן קיין גענוא (איטאַליע) און אַריינגעטרעטן אין דער דאָרט געגרינדעטער שול וואָס האָט אויסגעבילדעט אָפיצערן־קאַדרען פאַרן אויפשטאַנד. די יידישע האַנטווערקער און אַקאַדעמישע יוגנט זענען אויך געווען אַקטיוו אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך אונטער דער אָנפירונג פון „רויטן צענטראַל־קאָמיטעט", וועלכער האָט זיך דעם 1טן סעפּטעמבער 1862 דערקלערט פאַר דער נאַציאָנאַלער רעגירונג.

ווּיעלאָפּאָלסקי האָט געזען אַז זיינע אויסרעכענונגען אויף צו געפינען אַן אָנשפּאַר אין באַדייטנדיקע טיילן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג זענען נישט רעאַל, און אַז דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד ווערט אויף אַן אמת געגרייט, האָט ער זיך אַנטשלאָסן אויף אַ שענדלעכער שריט. דעם 6טן אָקטאָבער 1862 באַווייזט זיך אַ פאַראָרדענונג אַז דאָס נעמען רעקרוטן צום מיליטער וועט נישט מער פאָרקומען דורך גורל־סיסטעם, ווי ביז איצט, נאָר די יוגנט וועט ווערן גערופן צום מיליטער דורך אינדיווידועלע אויפפאָדערונגען. אַרום 70 טויזנט פּוילישע יוגנטלעכע האָט געדראָט צו ווערן איינגעקלעמט אין צאַרישע מונדירן. נאָך מער, לויט דער פאַראָרדענונג זענען באַפרייט געוואָרן פון דער מיליטער־פליכט: ערד־באַזיצער, פּויערים און לערנייִנגלעך ביי דאָרפישע בעלי־מלאכות. דאָס האָט קלאָר באַוויזן אַז ווּיעלאָפּאָלסקי צילט מיט זיין פאַראָרדענונג פּשוט צו פאַרשיקן קיין סיביר דעם רעוואָלוציאָנערן אַקטיוו פון פּוילישן פאָלק און אין דער ערשטער ריי די פּוילישע און יידישע אַרבעטער, האַנטווערקער און אַקאַדעמישע יוגנט.

אין דער נאַכט פון 15טן אויפן 16טן יאַנואַר 1863 האָבן זיך פּאָליציי און סאָלדאַטן אַריינגעריסן אין די וואוינונגען פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג און אַרויסגענומען פון זייערע שטיבער 1657 מענער. אינעם קראָקעווער „טשאַס" פון 18טן יאַנואַר שרייבט דער וואַרשעווער קאָרעספּאָנדענט צווישן אַנדערן אָט וואָס:

„די כאַפּונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין האַלבער נאַכט, איז געוואָרן אויסגעפירט מיט דער גרעסטער אכזריות... עס זענען צוגענומען געוואָרן מענער וואָס האָבן איבערגעלאָזן אַזש 5 קינדער. עס זענען גענומען געוואָרן אַזעלכע וואָס לויט זייער עלטער אונטערליגן זיי שוין נישט קיין מיליטער־דינסט ... אַ סך וואַרשעווער האָבן זיך געמוזט פאַרמאַכן. עס זענען אויך גענומען געוואָרן זייער אַ סך יידן. צום מערסטן האָבן געליטן די האַנטווערקער. מיט צעריסענע הערצער, מיט בלוט אין די אויגן, מיט הענט וואָס ציטערן פון נקמה־דורשט, קוקן מיר אין איינגעהאַלטענעם שטילשווייגן אויף דעם אויסגעפירטן רויב פון אונדזערע קינדער".

דער דאָזיקער שענדלעכער אַקט פון דער „בראַנקע" האָט פאַרשנעלערט דעם אויסבראָך פונעם אויפשטאַנד. אין דער נאַכט פון 22טן אויף דעם 23טן יאַנואַר 1863 האָט זיך אָנגעהויבן דער העראָאישער יאַנואַר־אויפשטאַנד.

ווי עס גייט איבער די אויסלענדישע פּרעסע פון יענער צייט, האָט דער נאָמיעסטניק אַרויסגערופן דעם אַלטן מייזעלס, וועלכער האָט זיך געפונען אונטער דער שטרענגסטער פּאָליציייִשער אויפזיכט, און פון אים געפאָדערט, ער זאָל אויסרופן אַ חרם אויף יענע יידן וואָס וועלן צושטיין צום אויפשטאַנד. דער פּאַקטיש געפאַנגענער מייזעלס האָט אָבער געהאַט דעם מוט קעגנצושטעלן זיך דעם ווילן פון זיין פאַנגער. דערקעגן האָט מייזעלס אין געהיים באַפוילן אַז אין די בתי־מדרשים און שולן פון גאַנצן לאַנד זאָל געלייענט און קאָמענטירט ווערן דער מאַניפעסט פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג.

מיר האָבן נישט קיין קאָנקרעטן מאַטעריאַל וועגן מייזעלס' קאָנטאַקטן מיט דער נאַציאָנאַלער אויפשטאַנד־רעגירונג, וועגן וואָס עס דערמאָנט ד"ר נ. מ. געלבער, אָבער ווי אַ באַווייז פון זיין פאַרברידערונג מיט די אויפשטענדלער קאָן דינען דער פּאַקט וואָס נאָכן דערשטיקן דעם אויפשטאַנד ווערט דער גרייז־גראָער מייזעלס צום צווייטן מאָל אַרויסגעשיקט פון וואַרשע.

נאָך אַ קורצן אויפהאַלטן זיך אין גלות קומט ער צוריק קיין וואַרשע. דאָ, אונטער דער שרעקלעכער צאַרישער רעאַקציע, קומט אים אויס צו פאַרברענגען זיינע לעצטע יאָרן. ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן בלייבט ער אונטער דער שטרענגסטער השגחה פון דער פּאָליציי, אַפילו וועגן די באַזוכן ביי זיינע קינדער האָט מען אויספירלעך ראַפּאָרטירט דעם מיליטערישן גובערנאַטאָר.

דעם 15טן פעברואַר 1870 איז רבּ בער מייזעלס געשטאָרבן. די צאַרישע רעגירונג האָט פאַרבאָטן צו שרייבן גרעסערע נעקראָלאָגן וועגן זיין טויט. נישט געקוקט אויף דעם האָט זיך די ידיעה וועגן טויט פונעם באַליבטן פאָלקספירער פאַרשפּרייט איבער וואַרשע. זיין לוויה, וואָס איז געווען אַ שטומע, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון די גרעסטע נאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציעס וועלכע האַרשטע האָט ווען נישט איז געזען. אין פּאַריז, ווי אין אַנדערע צענטערס, ווי עס האָבן זיך געפונען פאַרטריבענע פּוילישע פּאַטריאָטן, זענען אָפּגעריכט געוואָרן הספּדים און הזכרות.

דער אַדורכגעפירטער אַנאַליז פון מייזעלס' עטלעכע־און־דרייסיק־יעריקער טעטיקייט גיט אונדז די פולע רעכט פעסטצושטעלן, אַז מייזעלס' פּאָליטישער אני מאמין האָט זיך פאָרגעשטעלט אַזוי:

1. די היסטאָרישע פאַרבינדונג פון די פּוילישע יידן מיטן פּוילישן לאַנד באַרעכטיקט און פאַרפליכטעט זיי צו זיין פּאַטריאָטן פון פאָטערלאַנד.

2. די רעכטלעכע לאַגע פון די יידן אין פּוילן וועט ווערן געלייזט נאָר דורך דעם באַפרייען פּוילן פון אונטער דער אָקופּאַנטישער מאַכט. לייזן די יידן־פראַגע הייסט ביי מייזעלסן: פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט פאַר אַלע יידן אין פּוילן, נישט אָפּהענגיק פון קיין בילדונגס־ אָדער פאַרמעגנס־צענז. די ווירטשאַפטלעכע לאַגע פון די יידן האָט מייזעלס פאַרבונדן מיט דעם פריימאַכן און באַשענקען מיט ערד־אייגנטום די פּויערים.

3. די זיכערקייט אַז דאָס באַפרייטע פּוילן וועט אויך באַפרייען די יידן באַשטייט אין דעם וואָס די יידן וועלן נישט זיין קיין פּאַסיווע צושויער צו דעם געראַנגל פאַר דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, וועלכן דאָס פּוילישע פאָלק פירט, נאָר וועלן זיך אַקטיוו באַטייליקן אין דעם קאַמף און האָבן די אַמביציע צו ווערן אַ פּאַקטאָר וועלכער זאָל וועקן די שלאָפנדיקע טיילן פון פּוילישן פאָלק צום נאַציאָנאַל־באַפרייערישן קאַמף.

אָט דאָס איז געווען מייזעלס' פּאַטריאָטישער אני־מאמין, פאַר וועלכן ער האָט געוואונען די ברייטסטע פאָלקסמאַסן אין פּוילן.

וואָס נוגע מייזעלס' צוגאַנג צו די אַלגעמיינע פּאָליטיש־סאָציאַלע לאַנדפּראָבלעמען, דאַרף נאָך אַ מאָל אונטערגעשטראָכן ווערן אַז פאַר מייזעלסן איז דאָס צענטראַלסטע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּראָבלעם פונעם לאַנד געווען דאָס אַדורכפירן די פולע באַפרייאונג פון די פּויערים דורך אָנערקענען זיי פאַר די פּאַקטישע בעלי־בתים פון דער ערד. דורך דעם וועט ווערן, ערשטנס, אַרויסגעהויבן דאָס לאַנד פונעם עקאָנאָמישן קריזיס און וועט פאַרבעסערן זיין מאַטעריעלן וואוילזיין; צווייטנס, וועט זיך דער פּויער דעמאָלט איבערצייגן אַז ער וועט דורך די איבעריקע שיכטן פון פאָלק אָנערקענט ווערן ווי אַ פולבאַרעכטיקטער ברודער און וועט זיך סאָלידער אָנשליסן אינעם נאַציאָנאַלן באַפרייאונגס־קאַמף, און זיין אָנטייל וועט פאַרזיכערן דעם נצחון פונעם נאַציאָנאַל־באַפרייערישן אויפשטאַנד. אָט דער ניכטערער קוק אויף די עקאָנאָמיש־פּאָליטישע נייטן פון לאַנד אין דער פאַרבינדונג מיט זיין פּאַטריאָטישן אני־מאמין, מיט זיין טיפער ליבשאַפט צו די יידישע פאָלקסמאַסן — האָט מייזעלסן דיקטירט אונטערצושטיצן די קראָקעווער סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע קאַמפס־באַוועגונג אין יאָר 1846. דאָס האָט אים אויך אַוועקגעשטעלט אין דער נאָענטקייט פונעם דעמאָקראַטישן לאַגער אין גאַליציע בעת דעם פעלקער־פרילינג פון יאָר 1848. צוליב די איבערצייגונגען האָט ער זיך אויך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון די פּאַטריאָטן אין דעם צוגרייטונגס־פּעריאָד פונעם יאַנואַר־אויפשטאַנד און בעת דעם אויפשטאַנד גופא.

דערביי דאַרף אָבער ווערן אונטערגעשטראָכן אַז די פּאָליטישע באַגרענעצטקייט פון דער סביבה, אין וועלכער ער איז טעטיק געווען האָט אים געשטערט, ער זאָל זיך דערהייבן צו דער מדרגה פון אַ קאָנסעקווענטן דעמאָקראַטישן קעמפער. פון דאַנען באַקומט זיך ביי אים אַ טיילווייזער פּאָליטישער דואַליזם. אָבער דאָס מינערט נישט זיין גרויסקייט ווי אַ פּיאָנער פון אויפריכטיק־פאָלקסטימלעכן פּאַטריאָטיזם ביי יידן אין פּוילן. מייזעלס האָט געטריי געדינט דעם נאַציאָנאַל־באַפרייערישן קאַמף פון פּוילישן פאָלק און דערמיט דער באַפרייאונג פון די יידן אין פּוילן. אין דינסט פון אָט די הייליקסטע אידעאַלן האָט ער אויסגענוצט זיין אויטאָריטעט ווי דער רבי־פּסק־דין און אַריינגעדרונגען אין אַלע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאַפט. מיר באַגעגענען אים ווי אַ דערמונטערער פון דער קאָנספּיראַטיווער יידישער יוגנט וועלכע האָט זיך געפונען אין די רייען פון די „רויטע". גלייכצייטיק באַמיט ער זיך צו געווינען פאַר דער פּוילישער זאַך דעם חסידים־פירער יצחק מאיר אַלטער. מייזעלס קומט צו מיט זיין פּאַטריאָטיש־דעמאָקראַטישן וואָרט צום פּשוטן ייד פון פאַרוואָרפנסטן פּראָווינצשטעטל און דאָרף.

ד"ר מאַרקוס יאַסטראָוו ענדיקט זיין ציקל אַרטיקלען וועגן מייזעלסן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע טעג נאָך מייזעלס' טויט מיט אָט די ווערטער:

„... ווען די פרייהייט וועט אַ מאָל נאָכן פאַרענדיקן דעם קאַמף, אויך אין די פּראָווינצן פון סאַרמאַציען (פּוילן) פאַרצייכענען אידע מאַרטירער און העלדן, דעמאָלט וועט בער מייזעלס ניט פאַרגעסן ווערן. צווישן די בעסטע אָנגערופענע נעמען וועט אויך מייזעלס נאָמען ווערן גערופן".

דוב בער מייזעלס און זיין טעטיקייט געהערן צו דער שענסטער טראַדיציע פון פּוילישן יידנטום, צום גאָלדענעם פאָנד פון די דעמאָקראַטישע טראַדיציעס פון פּוילישן פאָלק. זיין מיפּולער קאַמף פאַר באַפרייען פּוילן פאַר דער גלייך־באַרעכטיקונג פון די יידן, פאַר צערייסן די פעאָדאַלע קייטן וועלכע האָבן געפּענטעט דעם טרוים וועגן וואוילשטאַנד און גליק פאַרן פאָלק ווערט מקויים אין אונדזערע היינטיקע גרויסע היסטאָרישע טעג.



אַ דורכגאַנג־הויף דזשיקע 12 נאַלעווקעס 15 אין וואַרשע

יוסף סאַנדעל (וואַרשע)

# אַלעקסאַנדער לעסער

איינער פון די פּיאָנערן פון דער פּוילישער מאָלערײַ־קונסט און פון אויספאָרשן די פּוילישע היסטאָרישע דאָקומענטן אין דער קונסט איז געווען דער ייִד אַלעקסאַנדער לעסער. אַלעקסאַנדער לעסער איז — ווי עס האָבן אים אָפּגעשאַצט די אָנגעזעענסטע פּוילישע קונסט־קריטיקער און קונסט־היסטאָריקער פון זײַן צײַט — געווען דער פאָרגייער פון יאַן מאַטעיקאָ, דעם קלאַסיקער פון דער פּוילישער נאַציאָנאַל־היסטאָרישער מאָלערײַ.

אַלעקסאַנדער לעסער שטאַמט פון אַן אַלט־אײַנגעפונדעוועטער ייִדישער משפּחה אין פּוילן. אין די אַרכיוון פון דער שטאָט וואַרשע פון אַכצנטן יאָרהונדערט טרעפן מיר די נעמען פון זײַן זיידן אַברהם לעסער און פון זײַן באָבען זשאַנעט — דער דאָזיקער נאָמען דערווײַזט אַז דאָס איז געווען אַ משפּחה וואָס האָט געהערט צו די אויפגעקלערטע און געבילדעטע. די משפּחה האָט געהאַט האַנדלס־באַציִונגען מיט אויסלאַנד און געהערט צום אויפקומענדיקן נײַעם בירגערלעכן שיכט. אַלעקסאַנדערס פאָטער, לוי לעסער, האָט געהאַט אַן אימפּאָרט־פירמע אויף רימאַרסקע־גאַס (די מוטער האָט געהייסן רוזשע און געשטאַמט פון די לעווענשטיינס). אַלעקסאַנדערס שוועסטער העלענע (1812‑1894) האָט חתונה געהאַט מיט דעם באַקאַנטן וואַרשעווער פאַרלעגער און בוכהענדלער, דעם ייִד זיגמונט מערצבאַך (1801‑1852). זייער זון איז געווען דער רעוואָלוציאָנער און פּאַטריאָט, דער דיכטער הענריק מערצבאַך (1836‑1903), אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דעם אויפשטאַנד פון 1863‑1864 (הענריק מערצבאַך איז געווען אַ פרײַנד פון דעם עלטערן פון אים גרויסן פּוילישן היסטאָריקער און קעמפער יאָאַכים לעלעוועל). אין אַזאַ אַטמאָספער פון אויפגעקלערטקייט, הומאַניזם און רעוואָלוציאָנערן פּאַטריאָטיזם איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אַלעקסאַנדער לעסער.

עס איז קלאָר אַז ער איז אין קיין חדר נישט געגאַנגען. ער האָט באַקומען מיט דער פולער האַנט אייראָפּעיִשע בילדונג. ער האָט געענדיקט אין וואַרשע אַ ליצעאום־שול. שוין אַלס ייִנגל ציט ער אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די דערציִער און פון אַרום מיט זײַנע צייכענונגען. צום גליק איז לערער פון צייכענען אין זײַן קלאַס דער בשעתו באַרימטער פּוילישער פּאָרטרעטיסט אַלעקסאַנדער קאָקולאַר. דער לערער דערקענט זיך אויף אַלעקסאַנדערס טאַלאַנט און הייבט אָן צו פלעגן אין אים די דאָזיקע נייגונג. צו 16 יאָר ווערט לעסער אויפגענומען אין דער קונסטשול בײַם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. דאָס איז אַ יונגע שול; זי איז ערשט אַנטשטאַנען אין יאָר 1818, אָבער זי האָט פאַרמאָגט גלענצנדיקע און איבערגעגעבענע קינסטלער־פּעדאַגאָגן, ווי אַנטאָני בראָדאָווסקי און אַנטאָני בלאַנק — ביידע פאָרשטייער פון רעאַליסטישן סטיל אין דער מאָלערײַ. אַנטאָני בלאַנק איז, אַגב, דער אויטאָר פון דעם באַקאַנטן פּאָרטרעט פונעם גרויסן ייִדישן מאַטעמאַטיקער און דערפינדער אַברהם שטערן (דער פּאָרטרעט איז געוואָרן אויפגעמאָלט אין יאָר 1825). די קונסטשול אין איינעם מיטן אוניווערסיטעט ווערן אָבער פאַרמאַכט דורך דער צאַרישער מאַכט ווי אַ רעפּרעסיע פאַר דעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד (1831). לעסער איז ממשיך זײַן מאָלערישע אויסבילדונג פּריוואַט. ער נעמט לעקציעס בײַם קינסטלער יוזעף פּאַשקעוויטש, וועלכער איז אַליין געווען אַ תּלמיד בײַ סטאַניסלאַוו־אויגוסט פּאָניאַטאָווסקיס הויפמאָלער באַציאַרעלי. דער דאָזיקער קאָנטאַקט מיט פּאַשקעוויטשן און אומדירעקט, גײַסטיק, דורך אים מיט באַציאַרעלים טראַדיציע האָט געהאַט אַ דעציִדירנדיקע באַדײַטונג פאַרן אַרויסרופן בײַם יונגן לעסער די געפילן און די נייגונג צו היסטאָרישער טעמאַטיק. פּאַשקעוויטש האָט אַרומגעפירט זײַן ייִדישן שילער איבער די זאַלן פונעם קעניגלעכן שלאָס, אים באַקענט מיט די גרויסע בילדער, קאָמפּאָזיציעס און פּאָרטרעט־געמעלן פון דער פּויליישער געשיכטע. בײַ פּאַשקעוויטשן האָט לעסער אויך זייער אַ סך גענאָסן אויפן געביט פון מאָלערישער טעכניק.

נאָך די געשעענישן פון 1831, ווערנדיק ווי אַ סך אַנדערע באַרויבט אין אָקופּירטן לאַנד פון אַ שול, מוז לעסער, וועלכער וויל פאָרזעצן זײַנע שטודיעס, פאָרן זיך לערנען קיין אויסלאַנד. ער קלײַבט אויס די קונסט־אַקאַדעמיע אין דרעזדען (זאַקסן). בכלל האָט די דרעזדענער קונסט־אַקאַדעמיע אין יענער צײַט נישט געהערט צו די בעסטע. אָבער אויף דעם דעצידירן זיך אויף דרעזדען האָט בײַ לעסערן געווירקט זײַן דראַנג צו דער וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער באַאַרבעטונג פון היסטאָרישע דענקמעלער אין דער פּלאַסטישער קונסט, און ער האָט פאַרשטאַנען אַז אין דרעזדען וועט ער געפינען אַ סך היסטאָרישע קונסט־מאַטעריאַלן פון פּוילישער געשיכטע, ווײַל די זאַקסישע מאָנאַרכן, וועלכע זענען אַ צײַט געווען אויך קעניגן פון פּוילן, האָבן קיין דרעזדען אַריבערגעבראַכט אַ סך פון די קינסטלערישע און היסטאָרישע מערקווערדיקייטן פון פּוילנס פאַרגאַנגענהייט. אין יאָר 1832 פאָרט דער יונגער לעסער אָפּ קיין דרעזדען. אונטערוועגס שטעלט ער אָפּ אין לעגניצע (שלעזיע), וווּ ער פירט דורך אַ ריי פאָרשונגען. ער מאַכט שטודיע־צייכענונגען פון די פירשטלעכע דענקמעלער פון דער פּיאַסטן־דינאַסטיע (די שלעזישע פּיאַסטן ליגן באַגראָבן ווי באַקאַנט, אין לעגניצער קלויסטער). שוין דעמאָלט איז, ווײַזט אויס, אויפגעקומען בײַ לעסערן דער געוואַגטער פּלאַן צו שאַפן פּאָרטרעטן פון די פּוילישע קעניגן.

דער 18יאָריקער לעסער קומט אָן קיין דרעזדען. אין דער דאָזיקער שטאָט האָט דעמאָלט געהערשט דער גײַסט פון גרויסן מאָלער. דאָ האָט געלעבט און געשאַפן דער גרעסטער דײַטשער לאַנדשאַפט־מאָלער דער רעאַליסט קאַספּאַר דאַוויד פרידריך (1774‑1840), דאָ האָט אויך געלעבט און געשאַפן דער באַרימטער פּייזאַזשיסט און נאַטור־פאָרשער קאַרוס (1789‑1869). ביידע זענען זיי געשטאַנען ווײַט פון דער אָפיציעלער קונסט. לעסער האָט זיך מער אָפּגעגעבן מיט שטודירן די באַרימטע דרעזדענער גאַלעריע און מיט פאָרשן אַלטע פּוילישע מערקווערדיקייטן ווי מיט די לעקציעס אין דער קונסט־אַקאַדעמיע. זוכנדיק די קינסטלערישע שפּורן פון פּוילנס פאַרגאַנגענהייט געפינט ער דעם פּאַנצער וואָס יאַן סאָביעסקי האָט געטראָגן בעת דער שלאַכט מיט די טערקן הינטער ווין. ער האָט געפונען געצעלטן וווּ עס האָבן געוווינט די טערקישע קריגסלײַט און וועלכע דאָס פּוילישע מיליטער האָט דעראָבערט. ער האָט אויך געהאַט אַ מעגלעכקייט אויסצושטודירן אַ פראַגמענט פון דער פאַרגאַנגענער עפּאָכע, האָבנדיק פאַר זיך די קרוינונגס־מונדירן פון פּוילישע קעניגן (פון אויגוסט דעם צווייטן און פון אויגוסט דעם דריטן), און נאָך אַ סך אַנדערע היסטאָרישע מערקווערדיקייטן און דאָקומענטן. די אַלע זאַכן, וועלכע האָבן געדאַרפט זײַן דאָס נאַציאָנאַלע אייגנטום פון פּוילישן פאָלק, האָבן די זאַקסישע מלכים בשעתם אַרויסגעפירט פון פּוילן, פּשוט צוגערויבט. אַזוי אַרום באַרײַכערט לעסער אין משך פון פיר יאָר לערנען אין דרעזדען זײַן היסטאָרישן און קינסטלערישן וויסן. ער ענדיקט די אַקאַדעמיע זייער גוט און באַקומט אַן אויסצייכענונג פון ערשטער מדרגה. אין יאָר 1836 פאַרלאָזט ער דרעזדען און פאָרט אַריבער, מיטן ציל צו פאַרטיפן זײַנע דעראָבערטע קענטענישן, קיין מינכען.

מינכען האָט געהאַט אין יענער צײַט אַן אַנדער באַדײַטונג פאַר אַ יונגן קינסטלער ווי דרעזדען. אין מינכען האָט זיך לעסער געוואָלט ווידמען קאָנקרעטע מאָלערײַ־שטודיעס, דערגרונטעווען די מאָלערישע טעכניק, באַקענען זיך מיט די מאָדערנע פאַר יענער צײַט שטרעמונגען אין דער פּלאַסטישער קונסט.

מינכען איז אָבער פול געווען מיט געפאַרן פאַרן יונגן טאַלאַנט. אין מינכען האָט דעמאָלט געהערשט די מאָדע פון מיסטיק און פּסיידאָ־רעליגיעזער קונסט. די אויסדריקערס און טרעגערס פון אָט דער שטרעמונג זענען געווען די קינסטלער וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דער גרופּע פון די א״ג „נאַזאַרענער”. די דאָזיקע מאָדע, וועלכע האָט געלייגט דעם טראָפּ דער עיקר אויף דער אויסערלעכקייט און אויפן אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט, איז געווען אַ טיפער קעגנזאַץ צום רעאַליזם, צו דעם רעאַליסטישן סטיל מיט



אויטאָפּאָרטרעט

וועלכן עס איז געווען אַדורכגענומען אַלעקסאַנדער לעסער. לעסער האָט אַרויסגעוויזן, בײַם צונויפטרעפן זיך מיט דער נאַזאַרענישער שיטה, כאַראַקטער און אויסדויער. ער איז בײַגעשטאַנען דעם נסיון און האָט זיך נישט געלאָזט באַאײַנפלוסן דורך דער פרעמדער שעדלעכער מיסטיק; ער איז געבליבן אַ רעאַליסט. ער האָט אָבער אויך גענאָסן פון די מינכענער קינסטלער אין זין פון באַהערשן די מאָלערישע טעכניק, די פּרעציזקייט און פּינקטלעכקייט. ער האָט דאָ געלערנט קינסטלערישע טעכניק בײַ די מײַסטער שנאָר פאָן קאַרלספעלד און קאָרנעליוס. ער איז זיי געבליבן דאַנקבאַר אַ גאַנץ לעבן און האָט עס געבראַכט צום אויסדרוק אין די נעקראָלאָגן וואָס ער האָט אָנגעשריבן נאָך זייער טויט.

לעסער האָט ממשיך געווען זײַנע שטודיעס אין דער מינכענער קונסט־אַקאַדעמיע וועלכע ער האָט געענדיקט מיט זילבערנע אויסצייכענונגען. אין מינכען האָט ער געלעבט צען יאָר. נאָכן ענדיקן די אַקאַדעמיע האָט ער זיך אײַנגעאָרדנט אַן אַטעליע און איז צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן זײַנע קינסטלערישע פּלענער. אין מינכען האָט ער געשאַפן אין יאָר 1840 דאָס באַרימטע ווערק „די פאַרטיידיקונג פון טרעמבאָוולע” — אויף דער טעמע פון דער העלדישער פאַרטיידיקונג פון דעם שלאָס אין יאָר 1675 קעגן דער טערקישער אינוואַזיע. דאָס איז געווען איינער פון די העלדישסטע קאַפּיטלען אין דער פּוילישער געשיכטע.



טרעמבאָוולע איז אין יאָר 1675 געוואָרן אַרומגערינגלט דורך די טערקן מיט אַ גרויסער אַרמיי און מיט אַ סך האַרמאַטן. דער שלאָס איז שטאַרק פאַרטיידיקט געוואָרן דורך דעם מוטיקן קאָמענדאַנט יאַן סאַמועל כשאַנאָווסקי, אָבער וואָס מער די לאַגע איז שווערער געוואָרן האָט זיך דײַטלעכער אַרויסגעוויזן ווער עס איז ווירקלעך איבערגעגעבן דעם פאָטערלאַנד און ווער עס וויל קאַפּיטולירן פאַרן שונא. די שליאַכטע האָט געהאַלטן אין איין האַמעווען און סאַבאָטירן די קאַמף־טעטיקייט. די לעבער אין די מויערן, וואָס זענען פאַראורזאַכט געוואָרן דורך די טערקישע האַרמאַטן, האָט מען נישט רעכטצײַטיק פאַרריכט, און די געפאַר פון אַרײַנרײַסן זיך פון די טערקן איז געוואָרן דערפאַר וואָס אַ מאָל גרעסער. צו לעצט האָבן זיך די העכערע שליאַכטע פאַרזאַמלט אין געהיים, כדי אָנצונעמען אַ באַשלוס פון קאַפּיטולאַציע. צום ריכטיקן מאָמענט האָט אָבער דעם דראָענדיקן פאַרראַט אַנטדעקט די פרוי פון קאָמענדאַנט, וועלכע האָט פון אָנהייב אָן פון דער באַלאַגערונג גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פאַרטיידיקונג. זי האָט געשלאָגן אַליאַרם.

דעם רײַכן סצענאַר פון פּאַטריאָטישן אויפברויז פון דער קליינער שליאַכטע און פון די פּויערים, פון אָט די אמתדיקע פּאַטריאָטן, האָט לעסער גלענצנדיק אַרויסגעבראַכט. עס ווערט אינעם בילד אַקצענטירט די שטעלונג פון דעם קאָמענדאַנט, די פּאַטריאָטישע און איינצײַטיק אַנטימאַגנאַטישע שטעלונג. די פאַרטיידיקער האָבן אויסגעהאַלטן, ביז די טערקן האָבן געמוזט אָפּטרעטן מיט גאָרנישט. די דאָזיקע מוטיקע האַנדלונג האָט געגעבן אַ בײַשפּיל אַנדערע שטעט צו פירן דעם באַפרײַונגס־קריג ביז צום ענדגילטיקן נצחון.

לעסערן איז אין דער קאָמפּאָזיציע געלונגען אַרויסצוברענגען די עמאָציאָנעלע ווירקונג פון דער היסטאָרישער געשעעניש און צו באַוועגן דעם צושויער, ער זאָל אַרויסטראָגן זײַן אורטייל איבער דער פּחדנות און פאַרראַט פון דער מאַגנאַטעריע.

דאָס דאָזיקע ערשטע גרויסע ווערק פון אַלעקסאַנדער לעסער איז אויסגעשטעלט געוואָרן און האָט אַרויסגערופן באַגײַסטערטע אָפּרופן. די קונסט־קריטיקער פון יענער צײַט האָבן אין זייערע אָפּהאַנדלונגען באַטאָנט אַז מיט דעם בילד איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער פּוילישער געשיכטע־מאָלערײַ. פון דעמאָלט אָן ווערן כמעט אַלע לעסערס ווערק אויסגעשטעלט, סײַ אין וואַרשע און קראָקע, סײַ אין מינכען און דרעזדען. לעסער דער מאָלער באַקומט אָנערקענונג.

לעסערס לעבן איז כאַראַקטעריסטיש דערמיט וואָס דער קינסטלער באַפרידיקט זיך נישט קיין מאָל מיט זײַנע דערװאָרבערטע קענטענישן. ער פאָרט קיין ענגלאַנד, האָלאַנד, פראַנקרײַך און איטאַליע. אומעטום גריבלט ער זיך אין די אַרכיוון און מוזייען, שלעפּט אַרויס אַלטע מאַטעריאַלן, בפרט די וואָס האָבן אַ גרויסע באַדײַטונג פאַר דער פּוילישער קולטור און געשיכטע. אין יענער צײַט טוט ער אויף פאַר דער פּוילישער קולטור־געשיכטע איינע פון די גרעסטע זאַכן: ער געפינט אין אַרכיוו פון דער שטאָט נירענבערג די פּראָצעסאַקטן פון אַמאָליקן פּוילישן סקולפּטאָר און קונסט־שניצער וויט סטוואָש, דעם באַרימטן שעפער פון דעם גרויסן אַלטאַר אין דער מאַריאַצקער קירך אין קראָקע. אין וואָס האָט עס זיך געהאַנדלט אין וויט סטוואָשס נירענבערגער פּראָצעס?

וויט סטוואָש (ער האָט געלעבט אין דער צווייטער העלפט פון 15טן און אין אָנהייב פון 16טן יאָרהונדערט) איז אויך אײַנגעלאַדן געוואָרן קיין נירנבערג אויסצופירן קינסטלערישע באַשטעלונגען אין די דאָרטיקע קירכעס און קלויסטערס. אין יאָר 1500, בעת זײַן געפינען זיך אין נירנבערג, איז ער דאָ אומגעריכט באַשולדיקט געוואָרן אין פעלשן וועקסלען. דאָס איז געווען אַ פּשוטער בלבול! מען האָט דעם גרײַז גראָען קינסטלער באַשטראָפט לויט די מיטלעלטערלעכע דינים: אים אויסגעשטאָכן די אויגן און אַרײַנגעוואָרפן אין תפיסה. אויב דאָס איז נאָך ווייניק געווען, האָבן די דײַטשע קונסט־היסטאָריקער, שטיצנדיק זיך אויף ליגנערישע נאָטיצן בײַם כראָניקער נוידערפער דעם עלטערן, אין זײַן ביכעלע „נאַכריכטן פון קינסטלער און ווערקלײַט” (1522), צוגעשריבן אַ

סך ארבעטן פון וויט סטוואָשן דעם דײַטשען סקולפּטאָר אדאַם קראַפּט. לעסער האָט ארויסגעצויגן די אַלטע פּראָצעסאַקטן און רעהאביליטירט סטוואָשן, אויפווײַזנדיק אַז דעם בלבול מיט די וועקסלען האָבן געמאַכט זײַנע פּערזענלעכע שונאים און אַז די ווערק וועלכע זענען צוגעשריבן על־פּי־טעות און פעלשונג קראַפּטן געהערן צו סטוואָשן. לעסערס דאָזיקער אויפטו איז געווען ברייט באַקאַנט. די אָנפירער פון נירענבערגער מוזיי האָבן לעסערן אויסגעדריקט עפנטלעך אַ דאַנק און אַנערקענונג.

נאָך פערצן יאָר אָפּזײַן אין דער פרעמד קערט זיך אום אַלעקסאַנדער לעסער, שוין אַ רײַפער און אָנערקענטער קינסטלער, אַהיים (אין 1846). ער באַזוכט קראָקע, וווּ ער באַפרײַנדט זיך מיטן באַקאַנטן קונסטקענער און היסטאָריקער יוזעף קרעמער. לעסער באַארבעט דעמאָלט די קאָנצעפּציע צום בילד „האָלד פּרוסקי" (מיט יאָרן שפּעטער האָט אויף דער זעלבער טעמע יאַן מאַטעיקאָ געמאָלן אַ גרויס ווערק).



מלך קאַזשימיעזש מיט אסתרקען

לעסער באַזעצט זיך אין זײַן היימשטאָט ווארשע. לעסערס אומקערן זיך אין זײַן היימשטאָט האָט שטאַרק אַקטיוויזירט דאָס קונסטלעבן פון ווארשע. צוזאַמען מיט וואָיטשעך גערסאָן, דעם באַרימטן פוילישן קינסטלער און פּעדאַגאָג, האָט לעסער געשאַפן די „טאָוואַזשיסטוואָ זאַכענטי שטוק פּיענקניך" (געזעלשאַפט צו באַגינסטיקן די שיינע קונסט — די באַרימטע „זאַכענטאַ"). דאָס איז אין יענער צײַט געווען אַ קאָלאָסאַלער אויפטו אין קאָנגרעספוילן. דאָס איז געווען אַ דרייסטע פּאַטריאָטישע איניציאַטיוו צו שאַפן אַ צענטער פון אייגענער פוילישער קונסט. דאָס איז געווען אַן אַקט קעגן דעם קאָסמאָפּאָליטישן גײַסט וואָס האָט באַהערשט די אָפיציעלע פוילישע קונסטסאַלאָנען. למשל, אין דער קראָקאָווער „טאָוואַזשיסטוואָ שטוק פּיענקניך" פלעגט מען אויסשטעלן ס'רוב שלעכטע פּראָדוקציעס, אָבער זיי זענען געווען פון דייטשע אָדער עסטרײַכישע אויטאָרן. וועגן דעם האָט מיט פאַרביטערונג געשריבן אינעם זשורנאַל „קלאָסי" דער גרויסער פוילישער קינסטלער וויקטאָר העלם לעאָפּאָלסקי.

צו דעם ציל פון אויפהייבן די אָריגינעלע פוילישע קונסט האָט אויך געדינט די קונסטשול וועלכע עס האָט געגרינדעט וואָיטשעך גערסאָן און וווּ עס איז געווען אַ לערער אַלעקסאַנדער לעסער. ביידע האָבן זיי די גרעסטע פאַרדינסטן בײַם אַנטוויקלען די פוילישע קונסט און דערציִען פוילישע קינסטלער. לעסער איז נישט געווען דער איינציקער יידיש־פּוילישער אינטעליגענט וואָס איז געווען צווישן די וויכטיקסטע בויער פון דער פוילישער קולטור. דאָס איז געווען אַ גאַנצע גרופּע. דערבײַ האָט לעסער נישט בלויז קיין מאָל נישט פאַרלייקנט זײַן יידישן אָפּשטאַם און זײַן יידישע צוגעהעריקייט, נאָר ער איז ארויסגעטראָטן ווערדיק ווי אַ ייד און פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד. אין גיכן וועט אים טאַקע אויסקומען דאָס צו דערווײַזן מיט מעשים.

אין די פופציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, צוזאַמען מיטן פאַרשאַרפטן געראַנגל צווישן דעם אויפקומענדיקן קאַפּיטאַליזם און דעם אָפּגעשפּילטן פעאָדאַלן עלעמענט, אין איינעם מיט דעם פאַרשטאַרקטן עקאָנאָמישן אַנטאַגאָניזם צווישן דער פוילישער און יידישער מיטל־בורזשואַזיע, קומט ווידער אויף די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע אין פוילן. די צאַרישע מאַכט העצט נאָך מער אונטער דעם אַנטאַגאָניזם, האַלטנדיק זיך בײַ דעם אַלטן סיסטעם פון „טייל און הערש". אין שפּיץ פון דער אַנטי־יידישער העצע רוקט זיך אַרויס די „גאַזעטאַ ווארשאַווסקאַ", דער שפּעטערדיקער הויפּטאָרגאַן פון די ענדעקעס. פאַר איר זענען טריף אַלע יידן, נישט בלויז די „כאַלאַטשאַזשעס", נאָר אויך די מאָדערנע. בעיקר שטעכט איר אין די אויגן דער פאַקט וואָס יידישע משכילים נעמען אָנטייל אין דער בויונג פון דער פוילישער קולטור. די יידישע אינטעליגענץ נעמט אונטער אַ קאַמף קעגן דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע. זי ווערט געשטיצט דורך די פּראָגרעסיווע און רעוואָלוציאָנער־פּאַטריאָטישע כוחות אין דער פוילישער געזעלשאַפט. אַ גרופּע פון 23 ווארשעווער יידישע אינטעליגענטן, בתוכם אַלעקסאַנדער לעסער, רופן ארויס אינדיווידועל דעם שעף־רעדאַקטאָר פון „גאַזעטאַ ווארשאַווסקאַ" לעשנאָווסקי אויף אַ דועל. מיר גייען דאָ נישט ארײַן אין אַן אָפּשאַצונג פון דעם פאַרעלטערטן אופן פון קאַמף, אָבער מיר ווילן נאָר אונטערשטרײַכן דעם פאַקט גופא. לעשנאָווסקי קלאָגט אָן די 23 יידן פאַר באַליידיקונג, און דאָס צאַרישע געריכט פאַרמשפּעט די דאָזיקע יידישע אינטעליגענטן, צווישן זיי אויך לעסערן, צו דרײַ חדשים אַרעסט. די פּראָגרעסיווע און פּאַטריאָטישע טיילן פון דער פוילישער געזעלשאַפט האָבן זיך, ווי געזאָגט, סאָלידאַריזירט מיט די יידן. אין גיכן קומען די ערב־אויפשטאַנד־יאָרן, די תקופה, וואָס איז ארײַן אין דער געשיכטע פון פוילן און פון פוילישן יידנטום אונטערן נאָמען „פויליש־יידישע פאַרברידערונג".

לעסער געפינט זיך פולשטענדיק אונטערן אײַנפלוס פון אט דער פארברידערונגס־אידעע. ער איז פארכאפט פון א גוואלדיק שעפערישער טעמיקייט. אין יאר 1860 פארענדיקט ער א גרויס לעבנסווערק — די סעריע בילדער פון פערציק פוילישע קעניגן און פירשטן. די דאזיקע סעריע האט אים געקאסט זייער א סך מי און שטודיעס. אין דעם צוגרייט־פעריאד האט ער אדורכגעמאכט וויכטיקע ארכעאלאגישע שטודיעס, געמאכט ווײַטע נסיעות, באזוכט א סך קלויסטערס, נעלייענט אלע אלטע כראניקעס און א שלל היסטארישן מאטעריאל. ער האט ס׳רוב געמוזט פון קלייניקע פרטים אויפשטעלן א גאנץ בילד. פון קעניג וולאדיסלאוו לאקיעטעק (1333-1260) איז, למשל, גארנישט געווען. האט לעסער געפונען א זיגל און אויף דעם סמך צוזאמען מיט דער זאמדשטיין־מצבה פון דער קראקאווער קאטעדראלע, האט ער קאנסטרויִרט א בילד פון דעם מלך. פונקט אזוי איז געווען מיטן ווראצלאווער פירשט הענריק פראבוס (1248-1209). אויך בײַ קאזשימיעזש יאגעלאנטשיק (1492-1427) האט לעסער



קאפערניק אויפן טויטן בעט

געמוזט קאנסטרויִרן זײַן פיזיאנאמיע פון א מארמארענעם מצבה־בילד — אא״וו. די דאזיקע מאנומענטאלע סעריע האט ארויסגערוקט לעסערן אין סאמע אויבנאן פון דער פוילישער געשיכטע־מאלערײַ. די קראקאווער וויסנשאפט־אקאדעמיע, אפשאצנדיק נישט בלויז לעסערס קינסטלערישן אויפטו נאר אויך זיין פארשערישע ארבעט, האט אים אײַנשטימיק אויסגעווײלט פאר א מיטגליד פון דער דאזיקער אין יענער צײַט העכסטער אינסטאנץ פון דער פוילישער וויסנשאפט. ער האט אויך באקומען מעדאלן און אנדערע אויסצייכענונגען.

צו לעסערס היסטארישע קאמפאזיציעס וואס זענען נעשאפן געווארן אין יענעם פעריאד געהערט דאס בילד „סקארבעק האבדאנק” (געשאפן אין 1851). דאס דאזיקע בילד שטעלט פאר די באקאנטע סצענע ווי דער שליח פונעם פוילישן מושל באלעסלאוו קשיוואוסטי געפינט זיך אין דער קווארטיר פון דעם דײַטשן קייזער הינטער דער באלאגערטער שטאט גלאנוּוו. פול מיט גאווה אויף זײַן אוצר מיט נאלד ווײַזט דער קייזער דעם פוילישן שליח זײַן רײַכטום.

דער שליח נעמט אראפ פון פינגער זײַן רינג אוןווארפט עס ארײַן אין קייזערס אוצר. דער קייזער ענטפערט: „האבדאנק!” — צו זײַנע באקאנטע היסטארישע קאמפאזיציעס געהערט דאס גרויסע איילבילד פון מיקאלײַ קאפערניק, וואס איז אויסגעשטעלט געווארן אין 1878 אין ווארשע. וועגן דעם בילד האט געשריבן דער באקאנטער קונסט־קריטיקער א. פלוג אין „קלאסי” פון 1878 אט וואס: „דער קינסטלער לעסער שטעלט פאר דעם מאמענט ווען קאפערניק זיצט א געבראכענער פון זײַן שטערבלעכער קראנקהייט אין שטול, אונטערגעהאלטן דורך זײַן טרײַען דינער. ער קוקט ארײַן אין זײַנע ווערק וואס עס האט אים אקערשט געבראכט זײַן פארלעגער און דרוקער יאן פעטריוש. נעבן אים שטייט דער געלערנטער בישקוף פון ווארמיע, יאן דאנטישאק, וועלכער איז געווען אן אנהענגער פון זײַן טעאריע. לעסער האט ארײַנגעמאלט אינעם בילד די גאנצע שטוב־ארכיטעקטור, די אסטראנאמישע אינסטרומענטן און אויך דעם טורעם פון דער קירך פון פראמבארק, וואס פון זײַן פענצטער האט קאפערניק געמאכט זײַנע וועלט אנטדעקערישע אבסערוואציעס. מען קאן צו פלוגס אפשאצונג צוגעבן אז לעסער האט קאפערניקס פנים גענומען פון דעם עלטסטן דענקמאל אין דער קירך פון הייליקן יאן פון טארון און פון צוויי האלצשניטן, וועלכע האבן שוין נישט עקסיסטירט. דאס בילד געפינט זיך אין רוים, אינעם קאפערניק־מוזיי, וועלכער איז געגרינדעט געווארן אין יענער צײַט. מען דארף דא באטאנען אז לאנג איז דאס דאזיקע בילד געשטאנען בײַם קינסטלער און געווארט אויף א בעלן, א קויפער. אין לאנד האט זיך נישט געפונען קיינער וואס זאל קויפן דאס בילד. וועגן דעם שרײַבט מיט ביטערניש דער „טיגאדניק אילוסטראוואני” (1880).

לעסער איז געווען איינער פון די טאלאנטירטסטע מאלער פון דעם רעוואלוציאנערן אויפברויז ערב דעם יאנואר־אויפשטאנד. בכלל איז ער נישט קיין סתם געשיכטע־מאלער! ער מאלט מיט באגײַסטערונג בילדער פון קאמף קעגן אגרעסיע, אונטערדריקונג און פינצטערניש: „די פארטיידיקונג פון טרעמבאוולע” קעגן דער טער-

קישער אינוואַזיע און דער מאַגנאַטעריע „האַבדאַנק״״ (קעגן דער דײַטש־קייזערשער אַגרעסיע), „קאָפּערניק״ (פאַר ווײַסן און קעגן פינצטערניש). אַזאַ איז ער אויך אין זײַנע בילדער פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין יאָר 1861. חוץ דעם אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנער־פּאַטריאָטישן מאָמענט האָט ער דאָ אונטערגעשטראָכן דעם ייִדיש־דעמאָקראַטישן מאָמענט, דעם ייִדישן אָנטייל אין דער באַוועגונג.

די געשעענישן ערב דעם אויפשטאַנד האָבן אויסגעזען אַזוי: דעם 27טן פעברואַר 1861 איז פאָרגעקומען אויף דער לעשנאָ־גאַס אַן אויסערגעוויינלעכע דעמאָנסטראַציע. עס האָבן זיך באַטייליקט די ברייטסטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג. בײַ דער דעמאָנסטראַציע זײַנען אומגעקומען פינף מענטשן. דעם 2טן מאַרץ 1861 איז פאָרגעקומען אַ ריזיקע לוויה פון די פינף הרוגים. עס האָבן זיך באַטייליקט 168 טויזנט מענטשן. די גראַנדיעזע דעמאָנסטראַציע איז



לוויה פון פינף הרוגים

צו יענער צײַט געווען אַן אויסדרוק פון פאַרברידערונג צווישן די פּוילישע און ייִדישע מענטשן אין ווארשע. לעסער האָט דאָס אַרויסגעכאַפּט אויף צוויי גרויסע לײַוונטן און געשאַפן דערפון צוויי היסטאָרישע דאָקומענטן פון דער אויסערגעוויינלעכער געשעעניש. ווען די ביידע בילדער האָט מען אין משך פון עטלעכע און פערציק יאָר בכלל נישט דערמאָנט, נישט נאָר אין קאָנגרעס־פּוילן, נאָר אויך נישט אין גאַליציע, וואָס איז געווען אונטער דער מאַכט פון עסטרײַך. ערשט אין יאָר 1906 דערשײַנט גלײַכצײַטיק אין „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני״ און אין „שוויאַט״ איינס פון די צוויי בילדער. בלויז דער זשורנאַל „ביעשאַדאַ ליטעראַצקאַ״ ברענגט ביידע בילדער אין צוזאַמענהאַנג מיט אַן אַרטיקל וועגן דעם אויפשטאַנד פון יאָר 1863. אויף איין בילד זעען מיר אַ גוואַלדיק גרויסע לוויה, עס ווערן געטראָגן 5 טרומנעס. דאָס איז באמת אַ זייער רײַכע קאָמפּאָזיציאָנעלע שאַפונג פון קינסטלער, זי האָט אַלע וואַלאָרן פון אַ מאַסן־גרופּנבילד. די קאָלאָריסטיק דערגייט דאָ צו זייער אַ הויכער מדרגה. אין דעם צווייטן בילד האָט לעסער פאַרגעשטעלט די צערעמאָניעס אויפן צמענטאַזש. אויף דעם בילד זעען מיר אַ גרויסן פערסאָנאַזש פון מענטשן, און יעדער פון זיי ווערט פאַרגעשטעלט מיט דער דייטלעכסטער פיזיאָנאָמיע.

לעבן דעם אַרצבישאָף פיאַלקאָווסקי שטייען בעריש מייזעל און דער פּריידיקער יאַסטראָוו, און אויף דער אַנדערער זײַט, אויף רעכטס — דער עוואַנגעלישער פּאַסטאָר אָטאָ. מיר דערקענען דאָרטן אויך אַ סך ייִדישע פּערזענלעכקייטן, ווי למשל, מאַטיאַס ראָזען. לעסער האָט זיך אַליין אין דעם בילד אויך אַרײַנגעמאָלט. אויך דעם שרײַבער יוזעף־איגנאַצי קראַשעווסקי, דעם שרײַבער קאָזשעניאָווסקי, זאַמאָיסקי און פּאָטאָצקי — זיי אַלע האָט לעסער אַרײַנגעמאָלט מיט זייערע ריכטיקע פיזיאָנאָמיעס אינעם בילד. לעסער האָט מיט די צוויי בילדער באַוויזן ווי נאָענט זײַן באַציונג איז געווען צו די צײַט־געשעענישן. לעסער איז דעמאָלט געשטאַנען אין זייער נאָענטע באַציונגען מיטן גרויסן פּוילישן היסטאָריקער און רעוואָלוציאָנערן דעמאָקראַט, יאָאַכים לעלעוועל. אין יאָר 1857 האָט ער דעם אַלטן היסטאָריקער באַזוכט אין זײַן בריסעלער היים און האָט געשאַפן אַ רירנדיקע צייכענונג פון זײַן באַזוך בײַ דעם פּוילישן פּאַטריאָט. מיר זעען לעלעוועלן זיצן אויף אַ שטול מיט געשלאָסענע אויגן. די היים זעט אויס ווי אַ בוידעמשטיבל, אַ ברייטער נידעריקער טיש, איניקע ביכער, אַ לאָמפּ, און מען פילט די גאַנצע פאַרלאָזנקייט פונעם גרויסן געלערנטן אויף דער עמיגראַציע. אויך דאָס בילד איז כמעט אומבאַקאַנט. לעסער האָט אויך געשאַפן אַ סך בילדער אויף ייִדישער טעמאַטיק. אויף ביבלישע מאָטיוון האָט ער נאָך אין מינכען געמאָלט דאָס בילד „דוויד דאַנקט גאָט״. ער האָט געמאָלט אויף דער טעמאַטיק פון דער פּויליש ייִדישער געשיכטע אַ גרויסע קאָמפּאָזיציע: ווי קאַזשימיעזש דער גרויסער גיט ייִדן פּריווילעגיעס. מיט גרויס פאַרשטענדעניש און איבערגעגעבנקייט האָט ער אַרויסגעפירט יעדע איינצלנע פיגור מיט סימפּאַטישע שטריכן. אויך דעם ייִדישן העלד פון דעם קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד, בערעק יאָסעלעוויטש, האָט לעסער געמאָלט, באַצייכענענדיק אים ווי אַ העראָישע געשטאַלט פון דער ייִדיש־פּוילישער געשיכטע.

אין רעזולטאַט פון די אַרבעטן קאָן מען קומען צום אויספיר אַז לעסערן האָט שטאַרק אינטערעסירט די ייִדישע טעמאַטיק, און ווו ער האָט נאָר געקענט האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט פון זײַן מיטמענטשלעכקייט. אין מוזיי פון מאַטיאַס בערסאָן אין ווארשע האָט זיך געפונען אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן קינסטלער און דעם שעפער פונעם ייִדישן מוזיי וואָס האָט זיך באַזונדערס אָפּגעגעבן מיט דער

אויספאָרשונג פון די אַלטע האָלצשילן אין פּוילן. מיר וועלן דאָ אָפּדרוקן איין בריוו פון לעסערן: „ליבער מאַטיאַס! מיט אָנגענעמקייט האָב איך איבערגעלייענט דײַן ריכטיקע באַשרײַבונג פון דער קוזמירער שיל אויף וועלכער איך האָב שוין לאַנג דיר אויפמערקזאַם געמאַכט, און איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „נירנבערגער אַנצײַגער”. דײַן באַשרײַבונג איז אויסשעפּנדיק און געמאַכט מיט גרויסער גרינטלעכקייט. ס'וואָלט ווערט געווען דעם אַרטיקל צו פאַרגלײַכן מיט דער באַשרײַבונג פון עסענווײַן און בייצולייגן אַ האָלצשניט פון דער אײַזערנער בימה, וועלכע איך קען נישט. די „קלאָסי” וועט דאָס גערן אָפּדרוקן. איך וויל דיר נאָר מאַכן אויפמערקזאַם אויף אַ קינסטלער, וואָס ווערט דערמאָנט אָפּטער אין די באַשרײַבונגען פון קראָקע, מיט דעם נאָמען סאַנטי גוטסי, וועלכער האָט געזאָלט אין דער צײַט פון דער רעגירונג פון באַטאָרי איבערבויען דעם שלאָס אין לאָבזאָווא, ווו עס האָט געזאָלט בײַ קאַזימיעזש דעם גרויסן וווינען אסתרקע — 1868.6.5”.

ווי איז געווען די באַצוּונג צו אַלעקסאַנדער לעסער און זײַנע אויפטועון מצד זײַנע מיטצײַטלער? די אַנטיסעמיטן, עלעהײַ לעשנאָווסקי, האָבן אים געהאַסט און באַקעמפט. די דעמאָקראַטישע און פּאַטריאָטישע פּוילישע עלעמענטן, בפרט די פון דער קונסט־, וויסנשאַפט־ און ליטעראַטור־וועלט, האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט דער העכסטער אָנערקענונג און סימפּאַטיע. אָט זענען עטלעכע אַרויסזאָגן־אָפּשאַצונגען וועגן לעסערן מצד עטלעכע באַקאַנטע מיטצײַטלער זײַנע. דער באַקאַנטער קונסטקריטיקער הענריק סטרוווע האָט נאָך לעסערס טויט געשריבן וועגן אים אין „קלאָסי” צווישן אַנדערס אָט וואָס: „לעסער האָט געהערט צו דער קליינער צאָל רעפּרעזענטאַנטן פון פּוילישן פאָלק וועלכע האָבן געהאַט אַן אַנטשיידנדיקן אײַנפלוס אויף זײַן פּראָגרעס. די שאַפונגען פון מאַטעיקאָ שטעלן זיך פאָר ווי די העכסטע אַנטוויקלונג פון אונדזער נאַציאָנאַלער קונסט, אָבער לעסערס און סוכאָדאָלסקיס שאַפונגען זענען די ערשטע געשיכטע־מאָלערײַ פון פּוילן. סוכאָדאָלסקי און לעסער האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אונדזער געשיכטלעכער קונסט, מיט די בילדער: „די פאַרטיידיקונג פון טרעמבאָוולע”, „האַבדאַנק”, „באָלעסלאַוו קזשיוואָוסטי” און די פּאָרטרעטן פון די פּוילישע קעניגן. מאַטעיקאָ איז געשטאַנען אויף זייערע פּלייצעס. דערבײַ האָט שמוגלעוויטש נישט געשאַפן גענוג מאַטעריאַל פון דער פּוילישער געשיכטע. ערשט בײַ לעסערן זענען אויפן לײַוונט, אויף דער פּאַן פון זייער עפּאָכע, געשאַפן געוואָרן די היסטאָרישע געשטאַלטן. וואָלט לעסער נאָר געווען געשאַפן די פּאָרטרעטן פון די קעניגן, וואָלט ער שוין דערמיט אַליין געהאַט אַן אומגעוויינלעכן פאַרדינסט”.

איצט וועלן מיר איבערגעבן אַ קליינעם אויסצוג וואָס דער גרויסער פּוילישער שרײַבער און אַליין אַ קינסטלער, יאָזעף־איגנאַצי קראַשעווסקי האָט געשריבן וועגן לעסערן אין זײַן נעקראָלאָג: „לעסער איז געווען זייער באַשיידן, ער האָט זיך נישט אָנגעשטרענגט צו ווערן באַקאַנט ווי ער האָט עס פאַרדינט. ער איז אויף זײַן אָרט געווען אַן אויסגעצייכנטער קינסטלער און שטייט בײַ אונדז אין שפּיץ פון די וואָס האָבן אָנגעוויזן אַ ריכטונג. אומזיסט האָט זיך בײַ אונדז באַמיט א. סטאַכעוויטש. לעסער איז געווען דער ערשטער קינסטלער בײַ אונדז מיט אַ באַנאַזש פון וויסן וואָס האָט זיך גענומען צו געשיכטע־מאָלערײַ. לעסער האָט געאַרבעט פּאַמעלעך אָבער ערנסט. ער איז געווען אויסערגעוויינלעך פאַראַנטוואָרטלעך מיט גרויס זאָרג האָט ער שטודירט אַלע דענקמעלער, ער איז געווען דער בעסטער קענער פון דער פּוילישער פאַרגאַנגענהייט. ווער ווייסט צי ווען עס וואָלט נישט געווען לעסער, צי עס וואָלט געווען מאַטעיקאָ?”.

אויך וואָיטשעך גערסאָן האָט געזונגען אַ לויבגעזאַנג פאַר לעסערן. לעסער — זאָגט גערסאָן, — איז נישט געגאַנגען אין די אויסגעטראָטענע וועגן פון סטאַכעוויטשן, שמוגלעוויטשן, באַציאַרעלין, סוכאָדאָלסקין. לעסער האָט טיפער אַרײַנגעבליקט און באַנומען דאָס אַלטע פּוילישע לעבן. לעסער האָט מיט זײַנע שאַפונגען באַרײַכערט די פּוילישע קולטור.

נאַטירלעך האָבן די דעמאָלטיקע אָפּשאַצער נישט געקענט תופס זײַן אין דער פולער מאָס לעסערס אידעאָלאָגיע. לעסער איז נאָענט געווען צו דער רעוואָלוציאָנערער קינסטלערישער שול פון גוסטאַוו קורבעט, דעם פּאַריזער קאָמונאַר וועלכער האָט אַ לאַנגע צײַט געמוזט פּראַווען גלות אין מינכען. לעסער און מאַטעיקאָ, בײַ־

דע געשיכטע־מאָלער, זענען אָבער צוויי וועלטן. לעסער איז אַן אַן ערך רעאַליסטישער פון מאַטעיקאָ. אין קעגנזאַץ צו לעסערן האָט דער גרויסער מײַסטער מאַטעיקאָ נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די צײַט־געשעענישן. אַפילו די געשעענישן פון די יאָרן 1861־1863 האָט מאַטעיקאָ נישט אָנגעמערקט קינסטלעריש. זײַן לעצטע טעמע פון דער פּוילישער געשיכטע איז געווען ראַצלאַוויצע. דערמיט שליסט ער אָפּ די היסטאָרישע געשעעניש אין פּוילן. מאַטעיקאָ איז געווען אַ ראָמאַנטיקער, אַ וויזיאָנער, מיט אַ פּאַטאָס פון אויסערגעוויינלעכער קראַפט, אָבער זײַנע געפילן, זײַן פּאַסיע, זענען געשטאַנען אויפן באָדן פון דער שליאַכטע און פּאַקטיש האָט ער פאַרהערלעכט אַלטע מאָטיוון אָן אַ טיפערן אַנאַליז פון דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט. לעסער אינטערפּרעטירט זײַנע שאַפונגען אָן פּלאַם, גיכער מיט אַ וויסנשאַפטלעכער גרינטלעכקייט, אָבער מיט שטאַרקער באַהאַוונטקייט אין די געשיכטלעכע געשעענישן. לעסער האָט שטענדיק געהאַט אין זינען מען זאָל אים קענען פאַרשטיין. געמאָלט האָט ער אין דער צײַט ווען עס זענען שוין אויפגעקומען די כּל־המינים סטילן, ווען דער אימפּרעסיאָניזם האָט געפּײַערט זײַנע גרעסטע טריומפן. און דאָך האָט ער אויסגעהאַלטן און געבליבן אַ רעאַליסט. נאָך זײַן טויט האָט מען שוין געהאַלטן אין דער מאָלערײַ בײַ די בלויע פערד, גרינע פּנימער, און געלע בערד. דעמאָלט האָט מען פאַרגעסן לעסערן. מען האָט אויך אין יענער צײַט יאַן מאַטעיקאָן און זײַנע קאָלאָסאַלע שאַפונגען געהאַלטן פאַר שלעכטער מאָלערײַ. באַזונדערס זענען די רעאַקציאָנערע היסטאָריקער אַדורכגעגאַנגען מיט פאַרברעכערישן שטילשווײַגן איבער לעסערן און זײַן ראָלע און זײַן באַטײַט פאַר דער פּוילישער קולטור און בפרט מאָלערײַ. דאָ האָט זיך דער רעאַקציאָנערער צוגאַנג און אַנטיסעמיטיזם פאַראייניקט מיט קעגנערשאַפט צום רעאַליזם. ער איז אויך לגמרי עלימינירט געוואָרן פון דער אָפיציעלער קונסט־געשיכטע אין ענדעקיש־סאַנאַטאָרישן פּוילן אין דעם פּעריאָד 1917־1939.

אַלעקסאַנדער לעסער איז געווען נישט בלויז שעפער, ער איז אויך געווען אָרגאַניזאַטאָר און דערציִער. ער איז געווען נישט בלויז אַ מיטשעפער פון „זאַכענטאַ”, נאָר אויך איר לאַנגיאָריקער וויצע־פּרעזעס. ער איז עטלעכע מאָל דעלעגירט געוואָרן דורך די פּוילישע קינסטלער קיין אויסלאַנד צו אָרגאַניזירן אויסשטעלונגען. ווי אַ פּעדאַגאָג האָט ער זיך אינטערעסירט מיט די מאַטעריעלע באַדינגונגען פון די שילערס. ער האָט געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכן פאָנד צו שטיצן יונגע טאַלאַנטן. צווישן אַנדערס האָט ער געשאַפן אַ סטיפּענדיע פאַרן שפּעטערדיקן וועלט באַרימטן קופּער־שטעכער הענריק רעדליך (1840־1884), אַ זון פון אַן אָרעמען יידישן וועבער פון לאַסק, בײַ לאָדזש.

וועגן לעסערס חברישקייט, באַשיידנקייט און אויפמערקזאַמקייט צו יונגע טאַלאַנטן זאָגט עדות דער ווײַטערדיקער פאַקט: בשעת ער האָט געמאַכט אַ ריי שטודיעס צום פּראָיעקטירטן בילד „באַרבאַראַ ראַדזשיווילאָוונאַ”, איז ער מיט אַ מאָל געוואויר געוואָרן אַז זײַן יינגערער פרײַנד יוזעף זימלער האָט בדעה צו מאָלן אַ בילד אויף דער זעלביקער טעמע. לעסער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זײַן אייגענעם פּראָיעקט כדי צו דערמעגלעכן אַ יונגן טאַלאַנט צו שאַפן.

לעסער איז געווען פרוכטבאַר אויך ווי אַ שרײַבער אויף וויסנשאַפטלעך־היסטאָרישע און קינסטלערישע טעמעס. ער האָט געפונען און פאַרעפנטלעכט אַ ריי קוואַלן צו פּוילנס געשיכטע. ער האָט כסדר געדרוקט אָפּהאַנדלונגען וועגן אויסשטעלונגען.

לעסער איז געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך אין דער יידישער סביבה. ער האָט זיך געווידמעט ־ער יתומים־פאַרזאָרגונג און אַ סך אויפגעטאָן פאַר יידישע יתומים. ער האָט תמיד מוטיק געקעמפט קעגן אַנטיסעמיטיזם. ער האָט זיך אָנערקענט פאַר אַ ייִד. זײַן לוויה איז פאָרגעקומען אויף אַ יידישן אופן — מיט אַ חזן און משוררים (לעסער איז געווען פאַרהייראַט מיט יוליע בערגסאָן).

אַלעקסאַנדער לעסער איז געשטאָרבן דעם 7טן מאַרץ 1884 אין וואַרשע. די לוויה איז פאָרגעקומען דעם 10טן מאַרץ בײַ דער באַטייליקונג פון גרויסע מאַסן פון דער יידישער און פּוילישער באַפעלקערונג. אין דער לוויה האָבן אָנטייל גענומען די יידישע קינדער פונעם יתומים־הויז, וועלכן אַלעקסאַנדער לעסער האָט מיט אַזוי פיל איבערגעגעבנקייט געדינט. אין דער לוויה האָבן זיך אויך באַטייליקט כמעט אַלע פּוילישע און יידישע קינדער פון וואַרשע און פאָרשטייער פון וויסנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. די לוויה פון

אַלעקסאַנדער לעסער האָט פאַראייביקט אין אַ בילד דער באַקאַנטער פּוילישער קינסטלער י. סאָנאָפּאַצקי.

צום ערשטן יאָר נאָך לעסערס טויט האָט די געזעלשאַפט „זאַכענטאַ שטוק פּיענקניך" אין וואַרשע אָרגאַניזירט אַ גרויסע אויסשטעלונג צום געדענקטאָג פון זייער לאַנגיאָריקן וויצעפּרעזעס. מיט דער אָרגאַניזירונג און פּראָיעקטירונג פון דער אויסשטעלונג האָבן זיך אָפּגעגעבן זײַנע פרײַנד, די פּוילישע קינסלער: וואָיטשעך גערסאָן, אַלפרעד שופּפּע און קאָניעוווסקי. די דעמאָלטיקע פּרעסע האָט די אויסשטעלונג געשענקט אַ סך אויפמערקזאַמקייט. דער שרײַבער הענריק סטרוווע האָט אַרויסגעגעבן אַ בראָשור, צוזאַמענגעשטעלט פון לעסערס אַרטיקלען, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין יאָר 1884 אין „קלאָסי". די בראָשור האָט אויך פאַרמאָגט רעפּראָדוקציעס אין האָלצשניטן פון די וויכטיקסטע ווערק פון אַלעקסאַנדער לעסער און אויך זײַן פּאָרטרעט (די ריינע הכנסה פון דער בראָשור האָט דער מחבר באַשטימט פאַר דעם פאָנד צו בויען אַן אייגענעם בנין פאַר דער „זאַכענטאַ"). וועגן דער אויסשטעלונג האָט דער דערמאָנטער שרײַבער, אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ באַריכט איבער נאָך אַנדערע קונסט־אימפּרעזעס, געשריבן: „איך האָב שוין אויף אַן אַנדער אָרט געשריבן און וויל דאָ נישט איבערחזרן; איך וויל נאָר דאָ אויפן וואָרעמסטן אופן עצהנען צו באַזוכן די אויסשטעלונג פון אַלעקסאַנדער לעסער און מיט די אייגענע אויגן זען די בילדער פון דעם באַרימטן שעפער פון דעם בילד „די פאַרטיידיקונג פון טרעמבאָוולע". לעסער האָט זיך מיט זײַנע אַרבעטן דערוואָרבן אַן אומפאַרגעסלעכן פאַרדינסט פאַר דער פּוילישער היסטאָרישער קונסט".

אַלעקסאַנדער לעסער באַקומט איצט זײַן אמתן תיקון אין די נײַע באַדינגונגען פון פאָלקס־דעמאָקראַטישן פּוילן. אין דער רײַכער קולטור־ירושה פון אַמאָל, וועלכע עס נעמט איבער דאָס באַפרײַטע אַרבעטנדיקע פאָלק, פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט דער גרויסער קינסטלער־רעאַליסט און פּאַטריאָט אַלעקסאַנדער לעסער. ער פאַרדינט זיך אַ גרויסע מאָנאָגראַפיע. די דאָזיקע קורצע שטודיע איז נאָר אַ קליינער צושטײַער צו דעם וואָס עס דאַרף וועגן לעסערן געשאַפן ווערן.

אַרויסגענומען פון „בלעטער פאַר געשיכטע"
(פערטליאָר־שריפט) פון יידישן היסטאָרישן
אינסטיטוט אין פּוילן. אָקטאָבער־דעצעמבער
1951 באַנד 4, הי 4.

# היסטאָרישע דאָקומענטן

דער אַרטיקל „הוזשאַ נאַ זשידוווי" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אויגוסט 1882 אין צוריך, אינעם אָרגאַן פון דער פוילישער אַרבעטער-פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט". געשריבן איז ער דורך איינעם פון די וויכטיקסטע אידעאָלאָגן, שמעון דיקשטיין — יאַן מלאָט, מחבר פון דער היסטאָריש געוואָרענער בראָשור „פון וואָס איינער לעבט", וואָס איז אין איר צייט געווען פון די ערשטע און בעסט געשריבענע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעטן אין דער רוסלענדישער אימפּעריע.

דער דאָזיקער אַרטיקל איז דערשינען אין „פּשעשוויט" אין אַ צייט פון אַ ווילדער אַנטיסעמיטישער העצע, וואָס די צאַרישע רעאַקציע האָט אויפגעהויבן אָנהייב די 80ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט.

**שמעון דיקשטיין**

א.

„הוזשאַ נאַ זשידוווי"

„פאַלט אָן אויף יידן! לאָמיר זיי שלאָגן, זיי מאָרדן... לאָמיר זיי ראַבירן! אפשר וועלן זיי זיך דערשרעקן, אפשר וועלן זיי אונדז שוין איין מאָל לאָזן במנוחה... אפשר וועלן מיר פּטרן אָט די פּלאָג פון אונדזערע הייזער, דערפער און שטעט... דעמאָלט וועלן מיר קאָנען פרייַ אָפּעטעמען; מיר וועלן מער נישט האָבן קיין ווּכערער, מיר וועלן מער נישט ווערן אָפּגענאַרט בייַם קויפן, מיר וועלן נישט פאַרקויפן אונדזערע סחורות בחצי חנם; די פאַרדינסטן וועלן זיך אומעטום פאַרגרעסערן... איז דעריבער — קעמפט מיט די יידן! לאָמיר זיי שלאָגן, לאָמיר פאַרניכטן זייערע יישובים, לאָמיר זיי פאַרטרייַבן -"

אָט וואָס פאַר אַ געדאַנקען עס ווערן פאַרשפּרייט זינט עטלעכע יאָר צווישן פאָלק.

אָנגעהויבן האָט זיך אַזאַ העצע קעגן יידן מיט אַ דרייַ יאָר צוריק אין דייַטשלאַנד. פון דייַטשלאַנד האָט עס זיך אַריבערגעטראָגן קיין רוסלאַנד און פון דאָרט קיין פּוילן. איצט אַלאַרמירט מען פון אונגאַרן אַז עס קאָכט זיך עפּעס קעגן יידן, און ווער ווייסט צי וועט דאָס אַלץ זיך נישט אַ מאָל ווידער אומקערן קיין פּוילן.

עס איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, אַז יעדן קומט אין קאָפּ אַרייַן די פראַגע: און ווי אַזוי דאַרף מען דאָ האַנדלען? צי איז גערעכט דאָס שלאָגן און פאַרוווּנדן יידן?, אָדער אפשר איז דאָס נישט יושרדיק און ברענגט נישט קיין שום נוצן? אפשר וואָלט געווען ריכטיק אַנדערש צו האַנדלען?

די פראַגע איז זייער וויכטיק. דער הויפּט איז זי וויכטיק פאַר די אַרבעטער, וועלכע שטייען אויף קעגן זייערע עוולות, און צוליב דעם איז זיי דאָך נישט דערלויבט אַנדערע צו בעוולהן. זיי פאָדערן יושר פאַר זיך, איז דאָך ממילא אַ דורכוים נייטיקע זאַך, זיי זאָלן לגבי אַנדערע זייַן יושרדיק.

מיר איבערחזרן נאָך אַ מאָל: די פראַגע איז פאַר יעדן קלוגן און ערלעכן אַרבעטער זייער וויכטיק. יעדער איינער דאַרף זיך איבער דעם פאַרטראַכטן און געבן זיך אויף דעם אַ ריכטיקן ענטפער: וואָס קענען מיר באַקומען פון דעם שלאָגן און ראַבירן יידן?

כדי צו געבן אויף דער פראַגע אַ געהעריקן ענטפער, שטעלן מיר זיך פאַר אויף אַ ווייַל אַז אין פּוילן איז שוין נישט פאַראַן קיין יידן, אַז זיי האָבן זיך אַלע ווי איינער אַרויסגעטראָגן קיין פּאַלעסטינע אָדער אַמעריקע, און אין דעם לאַנד זענען געבליבן בלויז קריסטן. נו, ווי דענקט איר, וואָס וועט דעמאָלט זייַן? צי דעמאָלט, אויב די ערד וועט אַרויסגעבן אַ צו קליינעם גערעטעניש פאַר דעם פּויער, אָדער מען לייגט אויף אים אַרויף העכערע שטייַערן, אָדער מען נעמט אים צו דעם זון צו מיליטער־דינסט, צי וועט ער דעמאָלט נישט מוזן פּונקט ווי פריִער באַרגן זיך געלט?

ווייַטער — דער האַנטווערקער: צי וועט ער נישט מוזן, ווען עס וועט אים אויספעלן קונים, פאַרקויפן זייַן סחורה פאַר גראָשנס, פּונקט ווי ער האָט זי פריִער פאַרקויפט צו יידן? און צום סוף, ווען מיר וועלן אַרויסטרייַבן די יידן, וועלן דען די קריסטלעכע אויפקויפער נישט אָפּנאַרן? צו נאַרן זיי דען נישט אָפּ איצט, פּונקט ווי די יידן? צי ווען עס וועט נישט זייַן קיין יידן, וועלן די קריסטן, אויסנוצנדיק דאָס וואָס יענער נייטיקט זיך אין געלט, נישט הייסן זיך צאָלן ווּכערישן פּראָצענט פון די הלוואות? זיי טוען עס דאָך שוין אויך איצט.

צי וועט דאָס לעבן פון די אַרבעטער, נאָכן אַרויסטרייַבן די יידן זייַן בעסער באַזאָרגט? צי וועלן דורך דעם ווערן פאַרקלענערט די שטייַערן, צי וועט אויפהערן דאָס כאַפּן צו די זעלנער, צי וועט אונדז צוקומען מער פרייַהייט?

אויף די אַלע פראַגעס איז, פאַרטראַכטנדיק זיך אַ ביסל, נישט שווער צו געפינען אַן ענטפער. יעדער קען לייַכט פאַרשטיין אַז אַזוי גוט מיט די יידן ווי אָן די יידן וועט דער פּויער מוזן אָנקומען נאָך הלוואות, וואָרעם נישט די יידן זענען דאָך שולדיק אין דעם וואָס ער האָט צו ווייניק ערד, דאָס זעלבע מיט דעם האַנטווערקער: אָרמאָפּהענגיק פון דעם צי ער וועט האָבן געשעפטן מיט אָדער אָן יידן, וועט ער אַלץ מוזן פאַרקויפן זייַנע אויסאַרבעטונגען פאַר יעדן פּרייַז, ווייַל די גרויסע פאַבריקן רויִנירן אים. זיי אַרבעטן אויס די זעלבע אַרטיקלען וואָס ער פאַר פיל ביליקער. דאָס זעלבע איז מיט אַרבעטער — אויך אָן יידן וועט ער מוזן אַרבעטן איבער זייַנע כּוחות פאַר אַ נישטיקער באַלוינונג, ווייַל ער פאַרמאָגט נישט קיין אייגענע פּראָדוציר־מיטלען צו דער אַרבעט, ווייַל ער מוז אַרבעטן פאַר יענעם, ווייַל ער מוז זיך פאַרקויפן.

מיט איין וואָרט: דאָס לעבן פון אַרבעטער נאָך דעם אַרויסטרייַבן די יידן וועט זיך נישט פאַרבעסערן — ער וועט נישט זייַן בעסער באַזאָרגט אָדער פרייַער ווי ביז הייַנט, די שטייַערן וועלן נישט זייַן קלענער, דאָס כאַפּן צום מיליטער וועט נישט אויפהערן, דעם פּויער וועט קיין ערד נישט צוקומען, די ירידה פון האַנטווערקער־שטאַנד וואָלט נישט געוואָרן איינגעהאַלטן. אַלץ וואָלט געבליבן אַזוי ווי ביז איצט, מיט דעם אונטערשייד וואָס אָנשטאָט ווּכערערס און אָפּקויפערס פון יידישן שטאַם, וועלן מיר האָבן ווּכערערס און שווינדלערס קריסטלעכע. אָבער פון דעם וועט ווייניק

וואָס וועמען ארויסקומען גוטס, וואָרעם אַ ווּכערער, אַלץ איינס פון וועלכן אָפּשטאַם, אַלץ איינס פון וועלכן גלויבן, וועט אייביק זײַן אַ פּיאַווקע, וואָס נאָגט אויס דאָס בלוט פון אַרבעטנדיקן קלאַס.

דער יעניקער וואָס וויל עס נאָך אַלץ נישט פאַרשטיין, זאָל פאַרגלײַכן מיט אונדזער פּוילן די לענדער אין וועלכע עס איז נישט פאַראַן קיין ייִדן אָדער זיי זענען דאָ אין גאָר אַ קליינער צאָל. צי מיינט איר אַז אין איטאַליע, ווּ עס איז פאַראַן אַ ייִד קוים אויף אַ רפואה, איז דעם אַרבעטער אָדער האַנטווערקער גרינגער דאָס לעבן ווי בײַ אונדז? אָדער אַ שטייגער אין אירלאַנד, ווּ עס איז לגמרי נישטאָ קיין ייִדן, צי האָט דער פּויער ווייניקער אויסצושטיין נויט און דיסקרימינאַציע ווי בײַ אונדז אין לאַנד? לחלוטין נישט! עס טוט זיך דאָרט דאָס זעלבע ווי בײַ אונדז און ווייסט איר פאַר וואָס?

דאָס איז דערפאַר, ווײַל דאָס לעבן איז אונדז שווער און ביטער נישט דערפאַר ווײַל אונדז דריקט אָדער נאַרט אָפּ דער אָדער יענער מענטש — אַ ייִד, אַ דײַטש, אַ רוס צי אַן אייגענער, נאָר דערפאַר ווײַל די גאַנצע הײַנטיקע אָרדענונג, און די אָרדענונג איז אומעטום איינע און די זעלבע, אַזוי גוט בײַ אונדז אין פּוילן ווּ עס זענען פאַראַן אַ סך ייִדן, ווי אין אירלאַנד ווּ זיי זענען לגמרי נישט פאַראַן.

און דעריבער — ווער עס וויל אַז עס זאָל די מענטשן באמת זײַן בעסער אויף דער וועלט, דער וואָס וויל זיך און די אַנדערע, וואָס לײַדן הײַנט נויט — פּאַקטיש לײַכטער מאַכן דאָס לעבן, דער טאָר נישט די ייִדן הרגענען און ראַבירן, נאָר ער מוז זיך באַמיִען די גאַנצע הײַנטיקע אָרדענונג ענדערן.

אַזוי טאַקע דאַרפן טאָן די אַרבעטער וועלכע באַשיצן זייער כבוד און פאַרשטייען גוט זייערע אינטערעסן. אַזוי דאַרפן האַנדלען אַרבעטער־סאָציאַליסטן. פאַר זיי איז אַלץ איינס צי זייער „האַר" הייסט יצחק מאָשקאָוויטש, צי גאָטליב, שולץ אָדער ציגיעלסקי — זיי ווילן קיין שום האַרן נישט און גענוג! דעריבער — דער וואָס פאַרשטייט דאָס דאַרף זיך און אַנדערע זאָגן: „אונדזער אַרבעט און כּוח איז אַ שאָד צו פאַרווענדן קעגן ייִדן, צעשלאָגן עטלעכע אָדער עטלעכע הונדערט אָרעמע ייִדן, אַזוי ווי עס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, דאָס איז קיין שום פאַרדינסט נישט און עס איז אויך נישט קיין גרויסע חכמה אונטערצוצינדן ייִשובים, מאָרדן אומבאַוואָפנטע, אויסברענען קינדער די אויגן, אָדער פאַרגוואַלטיקן מיידלעך, אַזוי ווי אין באַלטע (דרום־רוסלאַנד). דאָס איז אַ חרפּה און אַ בושה פאַר דעם אַרבעטער־שטאַנד!

מיר זאָגן נאָך אַ מאָל: דאָס אַלץ איז נישט קיין פאַרדינסט און קיין חכמה — פאַרקערט, דאָס איז אַ חרפּה און אַ בושה. דאָס



אַלץ ברענגט נישט קיין שום נוצן און קאָן נישט געבן גאָרנישט, נישט בלויז דעם אַרבעטער־קלאַס, נאָר אויך נישט קיין שום ערלעכן מענטש. עס געניסן פון דעם אייגענע, אָבער וואָס פאַר אַ אייגענע? אייגענע ווּכערערס און אָפּנאַרערס, וואָס זענען פּונקט אַזוי גוט אונדזערע שונאים, ווי די ייִדישע אויסנוצערס.

דעריבער ברידער, די ייִדן־העצע איז נישט אונדזער זאַך, לאָמיר נישט נעמען אין איר קיין אָנטייל, לאָמיר געבן צו פאַרשטיין אַנדערע, זיי זאָלן זיך אין דעם נישט מישן — לאָמיר שפּײַען אויף די וואָס ווילן אונדז מיט זייער וואָרט און שריפט אײַנרעדן אַז מיר זאָלן זיך אַליין צו שאַנד מאַכן, אַז מיר זאָלן מאַכן צו שאַנד דעם אַרבעטער־שטאַנד, אַז מיר זאָלן שענדן די הייליקע אַרבעטער־זאַך! זאָלן מיר שפּײַען אויף די אונטערהעצערס און זיי אָפּשטויסן מיט עקל!

אונדז גייט וועגן אַ וויכטיקערע פראַגע, מיר האָבן אײַנצואָרדנען אַ נײַע געזעלשאַפט, אונדז גייט וועגן דעם אַז אַלע פּראָדוצירמיטלען (פאַבריקן, וואַרשטאַטן, ערד אד"גל) זאָלן איבערגיין ווי אַ געמיינזאַם אייגנטום צו די אַרבעטנדיקע, עס גייט אונדז וועגן אײַנפירן אין דער געזעלשאַפט יושר, ברידערלעכקייט און גלײַכהייט.

עס איז אַ לאַנגע און שווערע אַרבעט ביזן דערגרייכן די צילן — מיר גיבן זיך אָפּ אַ חשבון דערפון. און דעריבער דאַרפן מיר זיך היטן פון לאָזן זיך אַרײַננאַרן אין אַ וועלכער ס'זאָל נישט זײַן „העצע". די ייִדן־העצע קאָן בלויז אָפּווענדן אונדזערע אויגן פון די ריכטיקע צילן פון דעם אַרבעטער־קלאַס, זיי זענען נאָר אַ פּולאַפּקע פאַר אונדזער אומבאַרעכנטקייט, אַ פּולאַפּקע וואָס איז אָנגעשטעלט געוואָרן דורך אונדזערע שונאים! אונדז גייט נישט וועגן דעם אַז מען זאָל פּטור ווערן פון די ייִדן, מיר ווילן דאָס אָפּנאַרערײַ און אויסנוצערײַ פון אַ ברודער צו אַ ברודער, פון אַ מענטש דורך אַ מענטש, פון דער וועלט אויסראָטן — עס איז שוין איצט נישט מער קיין צײַט פון קאַמף קעגן מענטשן פון אַנדערע גלויבנס — איצט וויקלט אומעטום אויף דער אַרבעטער־קלאַס אַנדערע פענער, אַן אַנדערן קאַמף הייבן זיי אויף — אַ קאַמף פאַר פרײַהייט, וועגן גליק פאַר אַלע — אָבער דאָס פאַר אַלע מענטשן אָן אונטערשיד פון גלויבן, נאַציע אָדער געשלעכט.

די פּוילישע אַרבעטער וועלן נישט בלײַבן הינטערשטעליק לגבי זייערע ברידער פון דער גאַנצער וועלט. אדרבא, זיי וועלן מיט ערע און געהעריקן פאַרשטיין זייערע אינטערעסן, אויף די געשרײַען „הוזשאַ נאַ זשידוּוו" — ענטפערן: נידער מיט די אונטערדריקערס און אויסנוצערס אָן אונטערשיד צו וואָס פאַר אַ פאָלק אָדער גלויבן זיי זאָלן נישט געהערן, און קודם־כּל נידער מיט די אייגענע אויסנוצערס!



מיר ברענגען דאָ שטעלן פון אַ יידישער בראָשור וואָס איז דערשינען צום ערשטן מיי 1896, קנאַפּע אַנדערהאַלבן יאָר פאַר דער גרינדונג פון „בונד“, אַרויסגעגעבן דורך דער „סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין פּוילן“ (סדק׳פּ), די פאָרגייערין פון דער שפּעטערדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן, היינט פּוילישע אַרבעטער-פּאַרטיי. אַזוי ווי עס האַנדלט זיך וועגן איינעם פון די ערשטע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע-דאָקומענטן אין יידיש, אַרויסגעגעבן אין וואַרשע, דרוקן מיר די ווייטערדיקע שטעלן אין דעם אָריגינעלן אויסלייג. די בראָשור הייסט „גוט יום-טוב“.

ב.

## גוט יום-טוב

אין אָנהייב פון דער בראָשור ווערט דערקלערט אַז אין היפּך צו אַנדערע ימים-טובים איז דער 1טער מיי אַ יום-טוב בלויז פאַרן אַרבעטער. אָבער ווער זענען אַרבעטער? „דאָס איז דער טהייל מענשין, וועלכע פאַרברענגט זיין גאַנצעס לעבין אין שווערע האָראָוואַניע, דאָס איז דער טהייל מענשין, וואָס לעבט אונטער דעם יאָך פון הינגער און נויט, דחקות אונ קעלט, וואָס האָט קיין רוה, וואָס האָט קיין מאָל קיין פריַיהייט, וואָס האָט נור איין רעכט; דאָס רעכט צו ליגען אין דער ערד גלייַך מיט אַלעמען!“ ווייַטער דערקלערט די בראָשור אַז הגם פון אייביק אָן האָבן די אַרבעטער געלעבט אין דחקות און נויט, זענען אָבער די אויגן פון די אַרבעטער געוואָרן געעפנט ערשט איצט מיט דעם אַנטשטיין פון גרויסע פאַבריקן. דאָרט האָט דער אַרבעטער „דערזענ אַז נישט ער אַלליינ איז דאָס שלימזל, אַז לעבינ איהם איז פאַרהאַנדנ נאָך אַזעלכע שלימזלס. אָבער וויא קומט דאָס, אַז אַזוי פיעל מענשין זאָלין זייַנ שלימזלס? אויב מיר איז נישט גוט, ווייַל איך בינ קיין מענש, ווייַל איך בינ געשטראָפט פונ גאָט, וואָס איז דאָס מיט די אַללע וואָס זענינ מיט מיר צוזאַממענ אויך אַזוי? איז דענ צווישנ די אַללע נישטאָ קיין מענשין? ניינ! דאָס איז נישט אַזוי, דאָ מוסס עפּיס זיינ אַגרונד...“ „דער אַרבעטער האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין זייַן לאַגע, אַז: „... מיר האָבין נור איינ זאַך — אונזערע צענ פינגער. אונ אַז מיר ווילענ עססינ, מוזינ מיר גייענ פאַרקויפינ, פאַרדינגנ אונזערע הענד, אונזערע פּיס, אונזער קראַפט, אונזער לעבין. אָבער פאַרקויפינ אונזער קראַפט, — צוליעב וואָס זאָל מען דאָס בייַ אונז קויפין? צוליעב וואָס קויפט דער פאַברריקאַנט דיא קראַפט פונ טויזענטער אַרבייַטער, וואָס טוהנ ביי איהם אינ פאַבריק? אויף וואָס דאַרף ער זיי? אום אויף זיי צו קוקענ? אָדער אויס רחמנות, טו וואָס דאַרף ער זיי זאָלין אַרבייטענ בייַ איהם? בייַ זייַנע מאַשינעס? זאָל ער זיי געבינ דיא מאַשינעס און זיי וועלין אַרבייַטענ פאַר זיך אונ איהם וועט נישט דאַרפינ דרייענ דעם קאָפּף פאַר זיי. יאָ! אָבער וואָס וועט ער אַלליין טאָהנ? פון וואַנענ וועט ער נעמינ דיא גומינע רעדער, דיא טייַערע ווייַנענ, דיאַ גרויסע הייַזער, דיא אַללע, אַללע רחבות אין וואָס ער לעבט? ווער וועט דאָס באַשאַפינ? ...“

דעריבער זענען די אַרבעטער געקומען צום אויספיר „... אַז זיי מוזינ זיך האַלטינ אַללע צוזאַממענ, אַז זיי מוזינ דיא ערסטע זאַכע! אחדות! אום צו קעניג זיך העלפינ צו זייערע צרות. דאָס ערסטע מיטטעל, צו וועלכין זיי זענינ געקומענ — אחדות צווישענ דיא אַרבייַטער — אַללע אַרבייַטער מוזענ זיך פאַראייניגען, אַללע אַרבייַטער מוזענ זיך אָרגאַניזירענ צוליעב דעם, אַז מענ זאָל זיך נישט פאַריאָגינ יעדין באַזונדער, צוליעב דעם, אַז מענ זאָל זיך נישט אויסלאַכינ פון זייערע פאָדערונגען, צוליב דעם, אַז דער אַנדערער טהייל פונ דיאַ מענשינ, וויא מיר האָבינ געזעהנ — דיא קאַפּיטאַליסטינ זאָלינ זיך רעכנינ מיט דיא אַרבייַטער וויא מענשינ, וואָס האָבינ איין קראַפט, וויא מיט איינ כח וואָס קענ זיך האַלטינ, ווען זיי זענינ אַללע צוזאַממענ, אחדות און אָרגאַניזאַציע, דאָס הייסט יעדער פיר אַללע און אַללע פיר יעדערין, אָט דאָס איז דער איינציקער מיטטעל, צו ווילכינ דיא אַרבייַטער זענינ גיקיממענ...“

די בראָשור שילדערט ווייַטער דעם תהום וואָס איז פאַראַן צווישן די פאַבריקאַנטן, בעלי־בתים און די אַרבעטער, און זייערע קעגנגעזעצטע קלאַסן־אינטערעסן: נאָך דעם ווי די בראָשור שטעלט זיך אָפּ באריכות און רעדט אַרום די דערגרייכטע רעזולטאַטן, וואָס די אַרבעטער אין מערב־אייראָפּע האָבן צו פאַרצייכענען אַ דאַנק דעם לאַנגן, שווערן קאַמף וואָס זיי האָבן געפירט אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, רופן די מחברים פון דער בראָשור אויס: „... טו, לאָמיר זיך ברידער אונ שוועסטער, אידינ און קריסטינ פונ טיראַנישענ רוסלאַנד, לאָמיר זיך אויך נעמינ צום שטרייַט מיט דיא זעלביקע גיוועהר אינ דער האַנד, לאָמיר גידענקינ, אַז מיר קענינ זיך דערשלאָגינ איינ גרינגערינ לעבינ, צו אַ ביסעלע פריַיהייט, צו מענשליכע רעכט, לאָמיר האָבינ פאַר דיא אויגינ דעם בייַשפּיל פונ אונזערע אויסלענדישע ברידער אונ שוועסטער, לאָמיר דיא אַללע, וואָס זענענ שאָנ איצט צוזאַממענ, וואָס ווייסינ שאָן פון אחדות אונ אָרגאַניזאַציע, לאָמיר אויסדריקינ אונזערע אויסלענדישע ברידער אונ שוועסטער אונזערע איינקייט מיט זייא, לאָמיר מאַכינ אויך בייַ זיך דעם יום־טוב פונ ערסטינ מאַי...“

צום סוף פון דער בראָשור קומט אַ ליד, געשריבן דורך אַן אַרבעטער:

„נור אללע צוזאַממענ, ברידער אונ שוועסטער,
נור אללע צוזאַממענ אַרויס פונ דיא נעסטער,
הייבט אויף נור די פאָנע פונ איינ פרייַערינ לעבינ,
האַלט שטרייַט אום צו נעמינ, אַליינ וועט מענ נישט געבינ אַא"וו

דאָס ליד ענדיקט זיך אַזוי:

„איינ פרייַערינ לעבינ דאַרפינ מיר זיך דערשלאָגינ,
אונזער פייַנד מוזינ מיר פאַריאָגינ,
מיר מוזינ צוברעכינ אונ אונזער נייטינ,
מיר מוזינ צוברעכינ דיא שווערע קייטינ.
מיר ווילינ, מיר דארפינ, מיר קענענ זייַנ פרייַא,
גוט יום־טוב, גוט יום־טוב צום ערסטין מייַי“.

ס׳איז כדי צו באַמערקן אַז אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „ספּראַוואַ ראָבאָטניטשאַ“ (צום 1טן מייַ 1896) ווערט איבערגעגעבן וועגן דער באַטייליקונג פון אַרום 60 יידישע אַרבעטער אין די ערשטע מייַ פייערונגען.

אַרויסגענומען פון אַ גרעסערער פאָרש־אַרבעט פון אפרים קופּפער.

„בלעטער פאַר געשיכטע“ פערטליאָר שריפט, באַנד 7, העפט 1.

פוטער אַפּריל 1954, וואַרשע.

**בראָניסלאַוו גראָסער**

# אויטאָביאָגראַפיע

אין אַ געוויסן מאָמענט פון מיין לעבן האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין: דו וועסט אַרבעטן אין דער יידישער אָרגאַניזאַציע.

ווי אַזוי איז דאָס געשען? פאַר וואָס איז דאָס געשען? וואָס האָט מיך דערצו באַוואויגן און צוליב וואָס האָב איך דאָס געטון?

ס'פאַרשטייט זיך: די דערקלערונג וועלכע איך גיב דאָ איז אַ שפּעטערדיקע, נאָך דעם ווי ס'איז אַריבער אַ ריי יאָרן. ס'קאָן זיין, איצט געדענק איך שוין נישט אַזוי גענוי סיי די אויסערלעכע אומשטאַנדן סיי מיינע אייגענע איבערלעבונגען; ס'קאָן זיין, אייניקע אָנשוויאונגען און געפילן, וועלכע איך שפּיר אין זיך שוין לאַנג, זענען ביי מיר אַנטשטאַנען שפּעטער איידער מיר דוכט זיך איצט. קורץ, די געוויינלעכע שוועריקייטן פון יעדער היסטאָרישער באַטראַכטונג: פון איין זייט, „פליט מינערוואַס סאָווע אַרויס גאָר ביי נאַכט", מ'מוז זיך דערווייטערן אויף אַ געוויסן מהלך כדי צו זען אַלע טיילן פונעם בילד, אָבער פון דער אַנדער זייט, ווען די צייט פאַרגייט, מעקט זיך זייער פיל אויס. קודם כל איז שווער זיך פאָרצושטעלן אַז דאָס וואָס זעט היינט אויס קלאָר און איינפאַך האָט נעכטן געמאַכט אַן איינדרוק פון פאַרפּלאָנטערט און נישט קלאָר. דעריבער נעמען מיר געדאַנקען און איבערלעבונגען וואָס זענען שפּעטער און טראָגן זיי אַריבער אין אַ פריערדיקער צייט. די געשיכטע פון אַלטן גריכנלאַנד מוז — אָפּהענגיק פון דער באַפאַרבונג און באַלייכטונג — דערקלערט ווערן דורך דער שטימונג פונעם היינטיקן פראַנצויז, אָדער ענגלענדער, וואָס האָט די ראַזיקע געשיכטע געשריבן. דאָס זעלבע, נאָר נאָך בולטער און שאַרפער, קומט פאָר אויך בשעת מ'באַטראַכט די געשיכטע פונעם אייגענעם לעבן. דעריבער מוז מען דערביי באַזונדער אויפמערקזאַם היטן אַז די פאַקטן זאָלן וואָס גענויער איבערגעגעבן ווערן.

איך בין געבוירן געוואָרן אין מיעכאָוו, אַ קליין שטעטל פון קעלצער גובערניע, אויף דעם קראָקעווער טראַקט. מיינע עלטערן האָבן דאָרט פיל יאָרן געוואוינט און זענען פון דאָרט אַוועקגעפאָרן ווען איך בין, דוכט זיך, אַלט געווען 5 יאָר. דאָס הויז פון מיינע עלטערן איז געווען אין גאַנצן פאַרפּויליִשט. זיי האָבן געהערט צו די אינטעליגענטע קרייזן און האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות צו אמונה־פראַגעס. דעריבער האָב איך אין די ערשטע יאָרן פון קינדהייט נישט באַמערקט אין דער וועלט וואָס האָט מיך אַרומגערינגלט קיין שום זאַך וואָס זאָל דערמאָנען וואָסער נישט איז שייכות צו יידן...

... מיין פאָטער איז געווען דער פּאָפּולערסטער אַדוואָקאַט אין יענער געגנט. ער פלעגט פיל פאַרדינען, איז געווען געשעצט אין שטעטל און האָט געהאַט אַ מגע־ומשא נאָר מיט קריסטן. אינעם הויז פון מיינע עלטערן פלעגט פאַרקערן די גאַנצע אָרטיקע „סמעטענע", די קסיאָנדזן אויך. איך דערמאָן מיך אַז ווען איך פלעג זיך שפּילן אינעם שטאָטנערטל ביים קלויסטער, פלעג איך זיך גריסן מיט די קסיאָנדזן ווי מיט גוטע באַקאַנטע. איך פלעג גיין מיט דער דינסט אין קלויסטער (ס'איז מסתמא געווען איר אייגענער אויפטו), און איך האָב גאָרנישט געוואוסט אַז איך האָב אַ שייכות צו יידן. אגב ,האָב איך ווענן דעם נישט געוואוסט אויך שפּעטער, אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, נאָך פיל יאָרן אין וואַרשע. איך געדענק איין בולטן פאַקט: איך האָב דעמאָלט געקענט אַלט זיין אַ יאָר 8.

איך בין געפאָרן מיט מיין מוטער און מיט דער שוועסטער בעלאַ אין טראַמוויי, אויף לעשנאָ. אויף דעם בענקל וואו מיר זענען געזעסן האָט זיך געזעצט עפּעס אַ ייד. איך האָב אַ וואָרט נישט געזאָגט, בין אויפגעשטאַנען און האָב זיך געזעצט אויף אַן אַנדער באַנק. איך האָב דאָס געטאָן עפּעס ווי פון אַ מין עקל, דעמאָנסטראַטיוו. פאַר וואָס איז דאָס געבליבן אין מיין זכרון? אפשר האָט זיך איינגעפּרעסט אין אים דאָס עגמת־נפש פון מיין מוטער, וואָס דאָס האָט מיך דעמאָלט געוואונדערט און געצוואונגען צו געדענקען עס? ווי איך פאַרשטיי היינט, האָט מיין מוטער זיך מצער געווען נאָר מחמת איר דעמאָקראַטישן אינסטינקט. אפשר איז מיין מאָרך דורכגענומען געוואָרן דורך דעם אויסדרוק פון דעם ראַזיקן יידנס אויגן, זיין אומענדלעך טרויעריקן בליק? איצט טראַכט איך אַ מאָל: צי האָט ער טאַקע אַזוי אַ קוק געטון, אָדער דאָס דוכט זיך מיר נאָר איצט? דערויף קען איך באַשטימט נישט ענטפערן. אָבער דער פאַקט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מיין דעמאָלטיקער שטימונג. איך רעכן נישט אַז די יידישע אָפּשטאַמונג פון מיין שכן איז דאָ געווען די סיבה. מיך האָט גיכער אָפּגעשטויסן דער שמוץ. אָבער פויערים האָבן מיך נישט אָפּגעשטויסן, פון זיי וואָלט איך מיך נישט אָפּגערוקט. דאָ האָט געשפּילט אַ ראָלע דאָס באַוואוסטזיין פון פּולסומער פרעמדקייט.

עס איז מיר גאָר נישט איינגעפאַלן אַז צווישן מיר און אָט דעם מענטשן איז פאַראַן, אָדער עס קען זיין, עפּעס אַ שייכות. דוכט זיך, איך בין דערפון געוואויר געוואָרן פאַר די עקזאַמענעס אין „פּריגאָטאָוויטעלנעם" קלאַס גימנאַזיע. איך האָב געזאָלט האַלטן אַ „קאָנקורס־עקזאַמען". צום ערשטן מאָל האָב איך דערהערט אַז פאַר מיר זענען דאָ עפּעס באַזונדערע רעכט, ווייל איך בין אַ ייד. איך געדענק מיין אומבאַשרייבלעך דערשטוינען בעת איך האָב זיך ווען דעם דערוואוסט. מער וועגן יענער צייט געדענק איך נישט.

דאָס אָנקומען אין גימנאַזיע האָט בכלל באַשאַפן אין מיין לעבן אַ גאַנצע עפּאָכע. דאָס איז געווען אַ קריטישער מאָמענט אויך אויפן געביט פון די געפילן וועלכע איך באַשרייב דאָ. פון דער ערשטער רגע אָן האָב איך זיך דערוואוסט און האָב דערפילט אַז איך בין אַ ייד. איך בין נישט געגאַנגען אויף די שטונדן פון קאַטוילישער רעליגיע. איך האָב געלערנט יידישע רעליגיע. פּאַקטיש איז דאָס דער איינציקער אונטערשיד צווישן מיר און מיינע חברים, אָבער אחוץ מיר זענען אין קלאַס געווען נאָך אַנדערע יידן. אין דער דריטער גימנאַזיע, וועלכע איך האָב געענדיקט, זענען קיין רוסן נישט געווען. ס'זענען געווען צוויי קאַטעגאָריעס: פּאָליאַקן און יידן. איך האָב באַלד דערפילט אַז דאָס זענען צוויי קאַטעגאָריעס: דאָס הייפל חברים יידן האָט זיך געהאַלטן אַזוי ווי צוזאַמען און אַ ביסל אָפּגעזונדערט. איבעריקנס, איינהייטלעך איז דאָס הייפל נישט געווען. פון איין זייט איז געשטאַנען, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אַ רוסישער ייד — איזגור. דעם צענטער האָבן געבילדעט ענדעלמאַן, ראַטינער, האַלפּערן און אַנדערע. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיך געפונען איך און קאַזימיר נאַטאַנסאָנס זון ,יוליאַן. מיר ביידע האָבן זיך געהאַלטן ווייט פון דער יידישער גרופּע, האָבן געלעבט נאָר מיט די פּאָליאַקן. אין וואָס האָט זיך אויסגעדריקט די אָפּגעזונדערטקייט פון דער יידישער גרופּע? אפשר אין דעם וואָס זיי האָבן מער געקלעפּט צו אַנאַנד. אָבער גראַד די ראַזיקע אָפּגעזונדערטקייט פלעגט זיך אַרויסווייזן ווען ס'פלעגן קומען שטורמישע ציַיטן!

בעת ס'פלעגט זיך צווישן די יינגלעך טרעפן א סכסוך, א קריג, א געשלעג, — פלעגט זיך ארויסווייזן די אפגעזונדערטקייט פון דער יידישער גרופקע. אינעם שטרייט, אינעם צארן, אין דער אויפרעגונג פלעגט זיך אין די קינדערשע נשמות אנטפלעקן דער איינגעווארצלטער קוק אויף יידן, ווי אויף עפעס באזונדערס, ערגערס, מינדערווערטיקס. די ווערטער „ייד" ווי א זידלווארט, עפטער „זשיד", „שייגעץ" — פלעגן זיך גאנץ אפט לאזן הערן אין קלאס. דאס איז אפשר געווען די ערשטע דערפארונג וועלכע האט מיר אריינגעגעבן דעם געדאנק אז איך געהער צו א באזונדערן קלאס מענטשן, נישט נאר פון שטאנדפונקט פונעם געזעץ, נאר אויך לויט די אנשויאונגען פון די וואס רינגלען מיך ארום. איבעריקנס האט אין מיר אזא געפיל געקענט אנטשטיין נאר אומדירעקט. דירעקט האט מען מיך געשוינט.

אויף מיין וועג האט זיך דעמאלט צום ערשטן מאל געשטעלט די פארמולע וועלכע איך האב שפעטער אזוי פיל מאל געהערט: דו ביסט אייגנטלעך נישט קיין ייד, דו ביסט אן אנדערער — די פארמולע, וועלכע מ'זאגט ארויס מיט דעם בעסטן מיין און וועלכע האט אין זיך אזוי פיל באליידיקנדיקס; די פארמולע אין וועלכער עס שפיגלט זיך ספעציפיש שארף אפ די טראגעדיע פון דער יידישער אפשטאמונג. און אפשר האט זי מיר דעמאלט געגעבן א געוויסע באפרידיקונג. נישט נאר א באפרידיקונג. מיר דוכט זיך, איך האב שוין דעמאלט געפילט ווי ביטער עס איז צו געהערן צו א גרופע מענטשן, וואס דאס האלטן זיך אפגעזונדערט פון איר רעכנט מען פאר א מעלה. נאר פון דעסט וועגן בין איך צופרידן געווען דערמיט וואס איך בין פארט „אן אנדערער", א באזונדערער, אן „אויסגענומענער". איך געדענק ווי איך האב א מאל געשמועסט מיט נאטאנסאנען וועגן דעם אין וואס עס באשטייט אונדזער „יידישקייט", און מיר האבן נישט געקאנט געפינען קיין ענטפער. „ביי אונדז אין הויז איז אלץ אזוי ווי אין אנדערע הייזער". מיר פלעגן דערציילן איינער דעם צווייטן: „איך זאג „פאטער אונדזערער" — פלעגט מיט א שטיקל בארימעריי זאגן נאטאנסאן. „איך דאוון נישט — האב איך געענטפערט — אבער איך קאן נאר די דאזיקע תפילה". מיר זענען דעמאלט געווען אין ערשטן קלאס, אויב דער זכרון נארט מיך נישט.

און אז איך בין געווען אין צווייטן קלאס איז מיט מיר געשען א מעשה וואס האט געמאכט א גרויסן טומל, און וועלכע מיינע „פאליטישע" קעגנער האבן במשך פון יארן דערציילט אויף עפנטלעכע פארזאמלונגען. נאטירלעך, איז אין גימנאזיע געווען פארבאטן צו רעדן אויף פויליש. דערפאר איז געקומען א שטרענגע שטראף. און נאטירלעך האבן מיר גערעדט נאר אויף פויליש. אנדערש האט נישט געקאנט זיין. דער פארבאט האט געהאט נאר איין רעזולטאט: מיר האבן זיך באמיט צו טאן דאס בשתיקה. דער פארבאט האט גורם געווען אז מיר זענען זיך געווארן באוואוסט אז מיר רעדן אויף פויליש. די שטראפן פלעגן דערוועקן פליכטגעפיל, סאלידאריטעט, עקשנות און דארשט נאך נקמה. אויף פויליש האבן גערעדט אלע, דאס הייפל רוסישע יידן אויך. נאטירלעך האב איך אויך גערעדט אויף פויליש. און איין מאל האט מיך ביי דעם „פארברעכן" געכאפט דער אינספעקטאר און מאטעמאטיק־לערער יורקעוויטש. ער האט מיך געכאפט בשעת זיין לעקציע און האט פארפירט מיט מיר א וויכוח. די פרטים געדענק איך שוין נישט, אבער דער מאראלישער זין איז באשטאנען אין דעם אז ס'איז נאך סוף כל סוף מוחל צו זיין ווען אויף פויליש רעדן פאליאקן, אבער איך, א ייד, קאן אפילו נישט פארענטפערן זיך מיט מיין געפיל, מיט מיין געוואוינהייט. איך האב זיך געפילט טיף באליידיקט; איך האב דערקלערט אז איך בין א פאליאק, אזא ווי אלע אנדערע, איך האב די זעלבע רעכט און פליכטן. נאך א שעה געשפרעך מיטן אינספעקטאר האט זיך אנגעהויבן א צווייטער מיטן קלאסן־אויפזעער, דעם שכור און פארדארבער פון דער יוגנט כאדיראוו. דאס געשפרעך האט געדויערט א שעה. פון די פרטים געדענק איך נאך דעם אנהייב. „ווער בין איך?" האט מיך געפרעגט כאדיראוו. א פארוואונדערטער, האב איך אנגערופן זיין נאמען. „ניין, איך פרעג צו וועלכער נאציע געהער איך?" „א רוס" — ניין „ניין, איך בין א רוסישער אינדיאנער". — „דאס קען נישט זיין". — „אט אזוי קען מען נישט זיין קיין פוילישער ייד". „און א פראוואסלאווונער אינדיאנער קען זיין?" — האב איך געפרעגט. — „אוודאי" — „אט אזוי קען מען זיין א פאליאק — א ייד".



דער פראבלעם „רעליגיע אדער נאציאנאליטעט" האט זיך אויסגעדריקט אין דעם דאזיקן דיאלאג. ס'פארשטייט זיך, דא האנדלט זיך נישט וועגן קריטיש באטראכטן די געדאנקען פון אן עלפיעריק יינגל. דער פאקט אליין איז דאך סימפטאמאטיש פאר דער אטמאספער אין וועלכער איך בין אויסגעוואקסן. דאס געשפרעך האט זיך געפירט פארן גאנצן קלאס. די חברים האבן זיך מיט מיר סאלידאריזירט. די שילער פון די עלטערע קלאסן פלעגן קומען אויף מיר א קוק געבן, דער לערער פון פויליש, לאניעווסקי, האט בשתיקה פון דער נאטשאלסטווא געהאלטן מיט טרערן אין די אויגן א רעדע צום גאנצן קלאס און צו מיר. די געשיכטע איז געווארן באקאנט אין שטאט. זי האט געהאט אויף מיר א גרויסע ווירקונג. אפשר האב איך דעמאלט צום ערשטן מאל א טראכט געטאן אז אויף מיר, ווי א ייד — א פאליאק, ליגן עפעס באזונדערע פליכטן. איבעריקנס, האב איך זיי פארשטאנען אין עכט־אסימילאטארישן גייסט. פון דער דאזיקער געשיכטע אן האט מען אין קלאס אנגעהויבן צו אנערקענען מיין אויטאריטעט.

דרייסטע איבערצייגונגען, אפן ארויסגעזאגטע פאר דער נאטשאלסטווא, — דאס איז א גרויסע מעלה אין די אויגן פון יינגלעך. די פאליאקן האבן מיך אנגעהויבן צו באטראכטן גאר אין גאנצן ווי א זייעריקן. די יידן האבן מיך נישט געטאדלט, זיי האבן גערן געזען אין מיר א בריק וואס קאן זיי פארבינדן מיט דער סביבה. אבער דאס וויכטיקסטע איז אפשר געווען דאס וואס מיין געדאנק, פון נאטור לאגיש, האט זיך נישט געקענט באגנוגענען מיט א טריומף אויף א ווייקע. די יידישע פראגע האט צוגעצויגן צו זיך מיין אויפמערקזאמקייט, איך האב וועגן איר אנגעהויבן צו טראכטן, איינגעשפארט און אינטענסיוו. און אפשר פון דעם מאמענט אן האב איך קיין מאל נישט אויפגעהערט צו אינטערעסירן זיך מיט איר.

איך בין געווען אין פערטן קלאס ווען איך האב אנגעהויבן צו לערנען העברעאיש מיט מיין פארשטארבענעם פעטער לעאן גראסגליק. דאס איז געווען איינער פון די מענטשן וועלכע זענען אליין ארויסגעקומען פון דער יידישער מאסע. ביז א יאר 20 האט ער געטראגן לאנגע קליידער. אויפן שטערן האט ער געהאט א קארב פון א שטיין וואס מ'האט אין אים געווארפן בעת א פאגראם אין די אכציקער יארן. אין דער צייט ווען איך בין אונטערגעוואקסן איז גראסגליק געווען פון קאפ ביז די פיס אן אייראפייער. ער האט געהאט א סך קענטעניש וואס ער האט זיך אנגעשאפט ווי אן אויטאדידאקט. ער איז געווען דער סעקרעטאר פון דער יידישער גמינע אין ווארשע און האט פאקטיש געפירט אירע ענינים. פון אנדערע אסימילירטע יידן האט ער זיך פרינציפיעל אונטערשיידט דערמיט וואס ער האט סיי אויסערלעך סיי אינערלעך נישט צעריסן די בענדער וואס האבן אים פאראייניקט מיטן יידנטום. געווען אן אסימילאטאר לויט זיינע איבערצייגונגען, זיכער ביי זיך אז יידן קענען גראטעוועט ווערן נאר אויף דעם וועג, אבער די יידישע מאסע האט ער טיף געליבט. ער האט אן אויפהער געזארגט פאר איר, האט זיך אינטערעסירט מיט אלץ וואס האט זיך געטאן צווישן יידן, האט געלעבט מיט זייער לעבן. ווי אזוי האט זיך דאס געטראפן אז איך האב אנגעהויבן לערנען ביי אים העברעאיש, קען איך מיך שוין איצט נישט דערמאנען . . . אלן פאלס איז דאס א באשטימטער באווייז אז דאס יידנטום האט אנגעהויבן צו עקסיסטירן פאר מיר און האט מיך אלץ מער אינטערעסירט. דאס האט זיך דעמאלט ארויסגעוויזן אויך אויף א באזונדערן אופן.

בשעת איך בין געווען אין פינפטן קלאס, האט גראסגליס געפייערט דעם פינף־און־צוואנציק־יעריקן יובילײ פון זיין טעטיקייט אין דער גמינע. אינעם טאג פון דעם יובילײ האב איך אים געגעבן א מתנה. דאס איז געווען די געשיכטע פון יידן אין פוילן, געשריבן אין פיר העפטן. איך האב אין איר אריינגעלייגט אן ערך א האלב יאר ארבעט, איך האב איבערגעלייענט אלץ וואס האט א שייכות צו דעם ענין, אלץ וואס איך האב ביי יענע באדינגונגען געקענט קריגן. איין עקזעמפלאר, איבערגעשריבן אויף א מאשין, האב איך דורך סציפיאן געשיקט אויף עפעס א קאנקורס און מער האב איך אים

שוין נישט געזען. די העפטן האָבן זיך אויך ערגעץ פאַרוואַלגערט, און איך האָב נישט דאָס איינציקע „וויסנשאַפטלעכע ווערק" וואָס איך האָב אין מיין לעבן געשאַפן. איך דערמאָן מיך געגוי אַז די לעצטע זייטן זענען געווען אַן אַפּאָלאָגיע פון סאָציאַליזם, וועלכער וועט „אַלץ לייזן", צווישן אַנדערע זאַכן אויך די „יידישע פראַגע", נאַטירלעך דורך אַסימילאַציע. דערפון מאַך איך דעם אויספיר אַז, אַריבער גייענדיק אין זעקסטן קלאַס, בין איך שוין לויט מיינע איבערצייגונגען געווען אַ פולשטענדיק באַשטימטער סאָציאַליסט, אַז איך האָב אפשר מער געפילט איידער קלאָר פאַרשטאַנען די פאַרבינדונג צווישן דער יידישער און דער סאָציאַלער פראַגע, אַז איך האָב מיך זייער אינטערעסירט מיט יידן, און אַז איך האָב פון דעסט וועגן דעם אויסוועג געזען נאָר אין אַסימילאַציע.

פון דעמאָלט אָן הייבט זיך ביי מיר אָן אַ גאַנץ גיכע אַנטוויקלונג אויף דעם געביט. איך בין געווען איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער אין די קרייזלעך פון דער גימנאַזיע־יוגנט. די דאָזיקע קרייזלעך זענען עד־היום נישט גענוג באַשריבן. אפשר וועל איך דאָס ווען עס איז אויספירלעכער דערציילן. דערווייל נאָר אַ פּאָר ווערטער אַלס דערקלערונג. דאָס איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע פאַר זעלבסטבילדונג. עס האָבן זיך אין איר באַטייליקט שילער פונעם פינפטן קלאַס אָן. אין דער אָרגאַניזאַציע פלעגט מען אויסקלייבן און צולאָזן נאָר זייער אָנשטענדיקע און אַנטוויקלטע יינגלעך. נאַטירלעך, איז די אָרגאַניזאַציע געווען אַ געהיימע און אַ צענטראַליזירטע. מיר האָבן דאָרט שטודירט זאַכן וואָס מ'האָט נישט געלערנט אין דער שולע, אָבער קודם כל האָבן מיר זיך געלערנט צו זיין סאָלידאַריש און קאָנספּיראַטיוו. אין אָנהייב האָט זיך דער אונטערשייד אין די מיינונגען ווייניק געלאָזט פילן. בשעת איך בין אַריינגעטראָטן אין דער אָרגאַניזאַציע זענען דאָ געווען אַלע, לאָמיר זאָגן, אויף וועלכע מ'האָט זיך פּאָליצייאיש געקענט פאַרלאָזן. אַז איך האָב געהאַלטן ביי ענדיקן די גימנאַזיע, האָבן שוין עקסיסטירט צוויי אָרגאַניזאַציעס — אַן ענדעקישע און אַ „פּראָגרעסיווע". אויף אַזאַ אופן איז בשעת מיין שטודיום אין גימנאַזיע פאָרגעקומען אַן אינערלעכער קאַמף, אַ דיפערענצירונג און צעשפּאַלטונג. עס איז נישטאָ קיין ספק: „מאַנגאַ פּאַרס פואי" (איך בין געווען אַ גרויסער טייל, ד"ה איך האָב דאָ געשפּילט נישט די לעצטע ראָלע). איך האָב באַלד פאַרנומען איינעם פון די ערשטע פּלעצער אין דער יוגנט־באַוועגונג. פאַרשטייט זיך, איך האָב געהערט צו דער לינקסטער גרופּע. איך בין געווען פעאיק, רעדנעריש־באַגאַבט, ענערגיש, נישט געלאָזט זיך בייגן. אינעם פּראָצעס פון דעם דאָזיקן קאַמף האָבן זיך אויסגעקריסטאַליזירט מיינע סאָציאַליסטישע מיינונגען, איך האָב אָנגעהויבן בעסער צו אָריענטירן זיך אין דער יידן־פּראַגע. אַ דעקלאַראַציע וועגן דעם האָב איך געמאַכט פּלוצלינג, אַ ביסל אומגעריכט פאַר זיך אַליין — ביי פאָלגנדיקע אומשטענדן:

ביי דעם שוין איצט פאַרשטאָרבענעם שפּיצבאַרט איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון דעם אַזוי גערופענעם צענטראַלן יוגנט־קרייז. די פאַרזאַמלונג איז געווען זייער אַ שטורמישע. די מערהייט איז נאָך דעמאָלט געווען ביי אונדז, ביי די „פּראָגרעסיסטן", — אָבער די קרעפטן פון ביידע טיילן זענען שוין געווען כמעט גלייך. מ'האָט געהאַלטן ביי איינשטעלן אַ נאָרמאַל־פּראָגראַם פאַר די קרייזן.

די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן זענען באַשטאַנען דערויף אַז די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט זאָל געווענדט ווערן אויף די „פּוילישע" לימודים און מיר האָבן געפאָדערט גלייך־באַרעכטיקונג פאַר די סאָציאַלע וויסנשאַפטן. עמעצער פון די ענדעקישע „לידערס" האָט מאָטיווירט זייער פאָדערונג אין ערך אַזוי: „די מיטגלידער פון די קרייזן זענען פּאָליאַקן. אַלזאָ דאַרף מען די אויפמערקזאַמקייט ווענדן דער עיקר אויף פּוילישע לימודים". אין די קרייזלעך זענען דאָ נישט בלויז פּאָליאַקן, האָט עמעצער פון אונדזערע געענטפערט: דאָרט זענען פאַראַן אויך ליטווינער, רוסן, אוקריינער, יידן". דאָס קען נישט זיין — האָבן דערקלערט די ענדעקעס, נישט־פּאָליאַקן דאַרף מען אויסשליסן. ס'איז געקומען מיין צייט צו רעדן. איך האָב געוואוסט אַז מ'האָט פאַר מיר מורא און דרך־ארץ. איך בין געווען דער רעדאַקטאָר פונעם צענטראַל־אָרגאַן „רוך" (באַוועגונג), די צענטראַל פיגור פון די ראַדיקאַלסטע. איך בין אין אַ געוויסער מאָס געווען דער עצה־געבער ביים פּאָרזיצער פונעם קרייז, וואַצעק וו., געווען אַ נאָענטער פריינד סציפּיאָנס, וועמען אַלע האָבן געשעצט. איך האָב באַשלאָסן צו וואַרפן מיין אייגענע פּערזענלעכקייט אויף דער וואָגשאָל פון דער שטרייטפּראַגע. „אויב אַזוי, שליסט אויס מיך, האָב איך דערקלערט, ווייל איך בין נישט קיין פּאָליאַק, איך בין אַ ייד". אַלע זענען דערשטוינט, צעמישט. פאַר די פּראָגרעסיסטן, וואָס האָבן זיך געוואַקלט, האָט מיין דעקלאַראַציע קלאָר געמאַכט די פּראַגע. אויב די ענדעקישע טעאָריע האָט פּראַקטיש געפירט צום אויסשליסן מיך, איז קלאָר אַז די טעאָריע האָט געמוזט זיין פאַלש. די ענדעקעס האָבן פאַרשטאַנען אַז זייער לאַגע איז אַן אומבאַקוועמע. ס'איז געבליבן צו דערקלערן אַז איך ווער נישט אויסגעשלאָסן. איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי גענומען מעלדן אַז איך מעג נאַטירלעך זאָגן וואָס איך וויל, אָבער זיי האַלטן מיך פאַר אַ פּאָליאַק, צו מיר האָט דאָס אַלץ קיין שייכות נישט. עס האָט זיך באַשאַפן, ווי איך זע איצט, אַ קוריאָזע לאַגע, די נ"ד זענען באַשטאַנען אויף מיין „פּוילישקייט",



בראָניסלאַוו גראָסער

איך האָב עקשנותדיק געטענעט אַז איך בין נישט קיין פּאָליאַק. סוף כל סוף האָט מען דעם ענין וועגן אויסשליסן די נישט פּאָליאַקן געשטעלט צו אַן אַלגעמיינער אָפּשטימונג מיט אַזאַ מין פירוש: „גראָסערס ענין". דער נאָמען האָט געטאָן דאָס זייניקע. די דריטע גימנאַזיע, מיין דירעקטע אָרגאַניזאַציע, האָט דערקלערט: מ'קען שטעלן די פּראַגע נאָר וועגן אויסשליסן פון דער צענטראַל־פאַראייניקונג די גאַנצע דריטע גימנאַזיע — זיי וועלן מיך נישט אויסשליסן. די מערהייט אָרגאַניזירטע האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אונדזער פּלאַטפאָרם. אָבער די ליידנשאַפטן האָבן זיך צעפלאַקערט, די אָפּשטימונג, דאָס ציילן די שטימען, האָבן אַרויסגערופן אַ ריי רייבונגען. צוזאַמען אַרבעטן האָט מען שוין נישט געקענט. עס איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג.

ביי אַזאַ לאַגע האָב איך צום ערשטן מאָל אין לעבן עפנטלעך דערקלערט אַז איך בין אַ ייד. איך בין דעמאָלט געווען, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אין זעקסטן קלאַס גימנאַזיע. איך האָב געמאַכט די דאָזיקע דערקלערונג ביי אַן אויסטערלישער סיטואַציע, און זי האָט געבראַכט צו אויסטערלישע רעזולטאַטן. דאָס איז נישט געווען קיין דעקלאַראַציע וועגן דער יידן־פּראַגע, קודם כל האָט זי אָנגערירט מיך אַליין. ס'איז נישט געווען קיין רייד וועגן דעם אַז יידן דאַרפן באַקומען אַזעלכע און אַזעלכע רעכט; אָבער ס'איז אַנטשטאַנען די פּראַגע צי בין איך אַ ייד. ס'האָט זיך באַשאַפן אַ סיטואַציע, וועלכע מ'וואָלט פּאַראַדאָקסאַל געקענט פאָרמולירן אַזוי: נישט איך פאָדער די רעכט וואָס געהערן צו יידן, יידן דאַרפן געניסן די רעכט

וואָס געהערן מיר. פון דער פראַגע וועגן מיינע פּערזענלעכע איבערלעבונגען איז אַנטשטאַנען אַן אָביעקט פון שטרייט.

בכלל האָבן מענטשן אַ טבע צו אַרגומענטירן מיט פּערזענלעכע טעמים, צוצוגעבן אַלע פראַגעס אַ פּערזענלעכן, אַ פּריוואַטן כאַראַקטער. אין דעם פאַל האָב איך אַליין געגעבן זיי אַ געוויסן גרונד דערצו. ביז היינטיקן טאָג פיל איך נאָך די רעזולטאַטן דערפון. יעדער פילט זיך באַרעכטיקט אָנשטאָט צו רעדן וועגן דער יידן־פראַגע, עפנטלעך צו באַהאַנדלען מיינע פּערזענלעכע ענינים. פון דער אַנדערער זייט האָט די ד'אָזיקע דעקלאַראַציע אויך מיך געבונדן. איך בין געוואָרן אַזוי ווי אַ פאַרקערפּערטע דעמאָנסטראַציע. מיין אָפּזונדערונג האָט מען צוגעגעבן אַן אַלגעמיינע באַדייטונג, איך האָב נישט געקענט זיך נישט רעכענען דערמיט, איך קאָן דאָס איצט אויך נישט.

אַלגעמיינע כללים זענען איינפאַכער איידער פּערזענלעכע איבערלעבונגען. איך האָב געמוזט קינסטלעך אַריינגיסן מיינע איבערלעבונגען אין אַזאַ איינפאַכער פאָרעם, אַז זי זאָל קענען דינען פאַר אַביישפּיל פאַר אַלגעמיינע כללים. די אינערלעכע איבערלעבונגען האָבן זיך דערפון, נאַטירלעך, נישט איבערגעביטן. עס איז געבליבן, עס האָט געמוזט בלייבן אַ דיסאָנאַנס צווישן די אינערלעכע איבערלעבונגען און אויסערלעכן אויסדרוק, צווישן דעם ווירקלעכן אינהאַלט און דער פאָרעם אין וועלכער דער דאָזיקער אינהאַלט פלעגט אַרויסטרעטן. פון דער אַנדערער זייט, און אפשר טאַקע דערפאַר, איז זיך די יידן־פראַגע אַזוי שטאַרק צונויפגעוואַקסן מיט מיין פּערזענלעכן לעבן. איך בין שוין לאַנג אַרויסגעגאַנגען פונעם ענגן קרייז פון די שילער־פאַרהעלטענישן. אויף דער אַרענע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, אויף וועלכער עס ווערן אָפּגעמעקט אינדיווידועלע אינטערעסן און ס'טרעפן זיך מענטשלעכע מאַסן, — באַדייטן איינצלנע פּערזענלעכקייטן ווייניק. מיין פּערזענלעכקייט האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו ווירקן אויף דעם צושטאַנד פון די יידיש־פּוילישע באַציאונגען. אָבער די לאַגע האָט זיך געביטן פּונקט פאַרקערט. אין מיר, ווי אין אַ פאַרקערפּערטער דעמאָנסטראַציע, האָט אָנגעהויבן פּערזענלעך און דירעקט אָפּצושפּיגלען זיך דער צושטאַנד פון די יידיש־פּוילישע באַציאונגען. אַלץ וואָס איז געווען געווענדט קעגן יידן, איז דורכגעגאַנגען דורך מיין „איך". וואָס איז דער וואונדער אַז דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז געוואָרן פאַר מיר איינס פון די וויכטיקסטע, גאַר אינטימע, פּערזענלעכע איבערלעבונגען?

— — — — — — — — — — — — — — — — —

די דאָזיקע יוגנטלעכע דעקלאַראַציע איז קודם כל געווען אַ דעמאָנסטראַציע. נאַטירלעך, האָט זיך די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע געצייטיקט אין מיין נשמה. דאָס פריערדיקע געפיל פון פרעמדקייט צו יידן האָט געמוזט זייער אָפּגעשוואַכט ווערן, די אינטערעסן פון יידן, די נגישות וואָס מען פלעגט זיי אָנטון, האָבן מיך געמוזט שטאַרק אָנגיין, אויב איך האָב זיך באַשלאָסן אויף דער דאָזיקער דעמאָנסטראַציע. אָבער זי האָט פון דעסט וועגן נישט געשטימט מיט דעם ווירקלעכן צושטאַנד. אַ באַוויז — אַ ריי קליינע, אָבער באַדייטונגספולע פאַקטן. די טעטיקייט צווישן דער יוגנט האָט מיך שוין מער נישט באַפרידיקט. נישט געהערנדיק צו קיין שום פּאַרטיי, נישט זוכנדיק קיין וועגן, האָב איך אויף אייגענער אחריות צוזאַמען מיט עטלעכע יונגע־לייט פאַרבונדן זיך מיט אַרבעטער, אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרייזן, לייענען לעקציעס. ס'איז כאַראַקטעריסטיש אַז איך האָב געאַרבעט צווישן פּוילישע אַרבעטער, און אויב איך האָב קיין טעות נישט איז מיר אפילו נישט איינגעפאַלן צו זוכן יידישע אַרבעטער. צווישן די יידישע שילער האָט זיך געהאַט געגרינדעט אַ הילפסקאַסע מיטן ציל צו שטיצן חברים וואָס האָבן מחמת די באַגרענעצונגען נישט געקאָנט אָנקומען אין אוניווערסיטעט און געמוזט פאָרן קיין אויסלאַנד. איך בין געווען דער ערשטער פאָרזיצער פון דער דאָזיקער קאַסע. און דאָך האָט זיך צווישן מיר און דער מערהייט אָרגאַניזירטע אין גיכן אַרויסגעוויזן אַן אונטערשיד אין איבערלעבונגען און מיינונגען.

איך געדענק שוין נישט ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען, נאָר אין גיכן האָבן זיך געבילדעט צוויי קאַסעס. איינע — מיט דער פריערדיקער קאָמפּעטענץ; בראש פון דער צווייטער בין איך געשטאַנען, און זי האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו שטיצן ניט נאָר יידן, נאָר אויך פּאָליאַקן. „ווייל ס'האַנדלט זיך נישט נאָר וועגן דער יידישער פראַגע ספּעציעל, ס'גייט דאָ אין געזעלשאַפטלעכער אומגערעכטיקייט". נישט דאָס איז וויכטיק וואָסער קאָנצעפּציע איז געווען ריכטיקער און וועמענס טעטיקייט ס'איז געווען מער צוועקמעסיק, — וויכטיק איז אַז נאָך מיר איז געגאַנגען על פּי רוב די אַסימילירטע יוגנט, די מער יידישע עלעמענטן זענען געבליבן אין דער אַלטער קאַסע, און צווישן זיי אַ סך פון מיינע שפּעטערדיקע חברים.

מיין קוק אויף דער יידן־פראַגע איז געווען זייער פאַרנעפּלט. איך האָב געהאַלטן יידן פאַר עפּעס באַזונדערס, איך האָב מיך אַליין צוגערעכנט צו דער דאָזיקער באַזונדערער גרופּע. דאָס געפיל פון גערעכטיקייט, פון פּערזענלעכער ווערדע, האָבן מיר באַפוילן צו פאָדערן פאַר דער גרופּע אַלזייטיקע גלייך־באַרעכטיקונג — אָבער, דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך מיר קלאָר נישט פאָרגעשטעלט וואָס פאַר אַ רעאַלע רעכט דאָס דאַרף זיין. דאָס אַלץ האָט אויסגעזען אַ ביסל מעטאַפיזיש.

נאָך דעם ווי איך בין אַריבער אין זיבעטן קלאַס, האָב איך פאַרבראַכט אין קאַזשימיעזש. דאָרט בין איך באַקאַנט און נאָענט געוואָרן מיט איינעם פּ. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אין דער יידן־פראַגע האָבן מיר ביידע גלייכע געדאַנקען און געפילן. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרנעמען זיך מיט אָרגאַניזירן די יידישע סאָציאַליסטישע יוגנט. איך געדענק: מיט דעם ציל זענען מיר ביידע געפאָרן קיין פּלאָצק. דאָרט זענען מיר געווען ביי ג. איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט א. און י. ג.

איך דערמאָן מיך גענוי ווי איך האָב פאַר זיי אַנטוויקלט מיינע אָנשויאונגען אויף דער יידן־פראַגע, אַ ביסל נעפּלהאַפטע, אַזוי ווי מיסטישע אָנשויאונגען. דער הויפּטגעדאַנק איז געווען: אמת, יידן בילדן אַ באַזונדערע גרופּע, אָבער די דאָזיקע באַזונדערקייט קאָן זיך אויסדריקן נאָר אין דעם וואָס דינענדיק דער אידעע, שפּילן זיי צווישן די אַנדערע די ראָלע פון זייער באַוואוסטזיין. ספּעציפיש יידישער פּאַטריאָטיזם, עפּעס אַ גלויבן אין דער ראָלע פונעם „אויסדערוויילטן פאָלק", האָבן זיך אין דער קאָנצעפּציע פאַראייניקט מיט דער אוממעגלעכקייט צו באַהאַנדלען דאָס יידנטום רעאַל, ווי אַ נאַציע וואָס עקסיסטירט לעבן אַנדערע נאַציעס.

אין אַלגעמיין איז מיין סקעפּטישער און ניכטערער שכל נישט געוואוינט געווען צו נערן זיך און צו פאַרנעפּלען זיך מיט מיסטישע אָנשויאונגען. בלויז אין דעם איינציקן געביט האָב איך איבערגעלעבט אַזאַ מין פעריאָד. איך רעכן אַז מ'קאָן דאָס דערקלערן אויף אַזאַ אופן: אַליין בין איך געוואוינט געוואָרן אָנצוקוקן די יידישע פראַגע קודם כל אויף מיר, אַזוי צו זאָגן, מעסטן זי אויף מיר. איך האָב געקאָנט אָננעמען נאָר אַזאַ קאָנצעפּציע פון יידנטום וועלכע זאָל, נישט איגנאָרירנדיק דאָס שוין באַוואוסט געוואָרענע געפיל פון באַזונדערקייט, פון דעסט וועגן נישט צווינגען מיך אַרויסצוגיין פון די גרענעצן פונעם פּוילישן לעבן. און איך האָב געזוכט אַזאַ קאָנצעפּציע דורך מיסטיש באַאַרבעטע קלערענישן וועגן דער ראָלע פון יידנטום. איך געדענק אַז נאָך דעם ווי א. ג. האָט מיך אויסגעהערט, האָט ער געזאָגט: „ווען איך הער אייך, טראַכט איך אַז אייגנטלעך שטייט איר אויפן שטאַנדפּונקט פון בונד, נאָר איר פּלאָנטערט זיך אַליין. איר גיט צו עפּעס פּאָעזיע, מיסטיק, עפּעס אַזאַ מין זאַך". איך האָב מיך פאַרטראַכט און האָב גאָרנישט געענטפערט.

איך האָב געוואוסט וועגן דער עקסיסטענץ פון בונד. אָבער די אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן זענען דעמאָלט געווען אומבאַדייטנדיק, שוואַך. אינעם פּוילישן לעבן האָבן זיי זיך נישט געלאָזט הערן. קיין פאַרבינדונגען האָב איך מיט זיי קיין מאָל נישט געהאַט, אַ השגה וועגן דעם וואָס דער בונד וויל, האָב איך געהאַט אַ שוואַכע. אגב, האָט דער דעמאָלטיקער בונד אַליין רעכט נישט געוואוסט וואָס ער וויל אויפן געביט פון דער יידן־פראַגע. און דאָך האָט ג'ס פּראָזע

מיך איבערראַשט, זי האָט אַזוי ווי אויפגעוועקט אין מיר עפּעס אַ סטרונע, אַזוי ווי דערמאָנט וועגן עטוואָס וויכטיקס, וואָס מען מוז פאַרשטיין און באַשליסן.

אָט אַזוי האָט זיך פאַר מיר, אויף מיין אייגענעם לעבנסוועג, צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געשטעלט דער געדאַנק וועגן בונד. אויף מיינע פּראַקטישע פּלענער האָט דאָס אָבער נישט געווירקט. מיט מיין גאָר נאָענטן אָנטייל איז אַנטשטאַנען דער „פאַרבאַנד פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער יוגנט", וועלכע האָט אַרומגענומען יונגע־לייט אָן אונטערשיד פון נאַציע.

איך בין געווען אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון פאַרבאַנד. כדי צו פאַרשטיין וואָס פאַר אַ כאַראַקטער ער האָט געטראָגן, דאַרף מען דערמאָנען וועגן אַ צווייטן פאַרבאַנד, וועלכער איז אַנטשטאַנען אַ ביסל פריער, — „פאַרבאַנד פון דער פּוילישע סאָציאַליסטישער יוגנט". די נשמה פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען דער פאַרשטאָרבענער באָגדאַן ברעשעל, עלטער פאַר מיר מיט עטלעכע יאָר.

די דיפערענצירונג צווישן דער יוגנט איז געגאַנגען אַלס ווייטער און ווייטער. מ'האָט זיך שוין נישט באַפרידיקט מיט דער אַלגעמיין־פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע, מיט בילדונגסצוועקן וועלכע האָט אַרומגענומען אַלץ ברייטערע קרייזן. דער קאַמף מיט דער שולנאַטשאַלסטוואָ האָט זיך פאַרשאַרפט. ס'האָט זיך געוואָלט אַרבעטן צווישן די אַרבעטער, ס'האָט געצויגן צו פאַרבינדן זיך מיט די פּאַרטייען. עס האָבן זיך געבילדעט קאַדרען פון באַוואוסטזיניקע סאָציאַליסטישע יונגע־לייט, וועלכע האָבן שוין געוואָלט אַרבעטן, אָדער געוואוסט אַז זיי גרייטן זיך צו דער סאָציאַליסטישער אַרבעט. דאָס שפּיל איז שוין געווען אַסך געפערלעכער. די אָרגאַניזאַציע — קאָנספּיראַטיווער. ברעשעל און אַנדערע האָבן שוין געהאַט ריין פּאַרטייאישע, באַשטימטע סימפּאַטיעס, זיי זענען געווען אָנהענגער פון דער פּאַר־רעוואָלוציאָנערער פּפּ"ס. אונטער דער אָנפירונג פון פּפּ"ס האָבן זיי באַשאַפן אַ יוגנט־פאַרבאַנד, וועלכער האָט געזאָלט צוגרייטן צוקונפטיקע טוער פאַר דער פּאַרטיי. מיר האָט מען נישט פאָרגעלייגט אַריינצוגיין אין דעם פאַרבאַנד, טיילווייז דערפאַר ווייל איך האָב נישט געהאַלטן בסוד אַז איך גלייב נישט אין דעם „סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם". די אינערלעכע סתירות אינעם אַלטן פּראָגראַם פון דער פּפּ"ס האָבן זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן. אָבער ס'איז געווען נאָך אַ טעם: זיי האָבן פאַראייניקט די „פּוילישע" יוגנט, צום ערשטן מאָל אין לעבן האָבן יונגע־לייט, חברים, אפילו נאָענטע פריינד, נישט צוגערעכנט מיך צו דער „פּוילישער" יוגנט. איך האָב באַשאַפן אַ פּאַראַלעלע אָרגאַניזאַציע. להיפוך צום „פּוילישן" פאַרבאַנד האָט אונדזערע זיך נישט באַגרענעצט מיט וואָסער עס איז נאַציע. להיפוך צום פּאַרטייאישן כאַראַקטער פון יענעם „פאַרבאַנד" איז אונדזערער געווען אומפּאַרטייאיש, „אומאָפּהענגיק". אָבער די אָנגעזעענסטע פּפּ"ס. צווישן דער יוגנט זענען געגאַנגען אַהין, ביי אונדז האָבן זיך נאַטירלעך פאַראייניקט די קעגנער פון „סאָציאַל־פּאַטריאָטן", די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אין דער אָרגאַניזאַציע זענען אויסגעוואַקסן פיל צוקונפטיקע טוער פון דער ס"ד פון פּוילן און ליטע, פון „בונד", פון „פּראָלעטאַריאַט". קורץ וועל איך נאָך באַמערקן אַז ברעשעל איז אין גיכן אַוועק, אין אַ יאָר אַרום האָבן זיך ביידע אָרגאַניזאַציעס פאַראייניקט. פאַר אַ פּלאַטפאָרם האָבן זיי גענומען „אומפּאַרטייאישקייט". איך בין געווען ביי דער פאַראייניקונג, דערנאָך בין איך אַוועקגעפאָרן.

גיך האָט זיך געענדיקט די צייט פון צוגרייטן זיך. עס האָבן זיך אָנגעהויבן היסע צייטן. דער פאַרבאַנד האָט געגעבן די פּאַרטייען אַ סך פעאיקע מענטשן. אַ געוויסער טייל איז אומגעקומען בשעת דער רעוואָלוציע, אַ טייל איז גאָר פאַרדאָרבן געוואָרן (ביאַלאָסטאָצקי, סענסיצקי, רודאָמינא). אַנדערע אַרבעטן עד־היום אין פאַרשיידענע פּאַרטייען. דער פאַרבאַנד האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו עקסיסטירן. אין אָנהייב פון דער עקסיסטענץ פון „פאַרבאַנד" האָט זיך מיט אים שטאַרק פאַראינטערעסירט די סדקפּ"ל. די „פּשעגליאָנד ס"ד" האָט מען וועגן אים געדרוקט לויב־אַרטיקלען, קריטיקירנדיק בלויז זיין אומפּאַרטייאישקייט, אין דער זעלבער צייט האָט מען זיך פאַראינטערעסירט מיט מיר. איך בין געווען דער איינפלוסרייכסטער מענטש אין דער אָרגאַניזאַציע. סיי צוליב מיר אַליין, סיי צוליב מיין איינפלוס האָט מען מיך געוואָלט צוציען. איך האָב זיך געהאַלטן נעגאַטיוו. מיין פאָרמעלער ענטפער איז געווען אַז איך וויל נאָך נישט אַרבעטן אין דער פּאַרטיי, אָבער אין פּריוואַטע געשפּרעכן מיט זיי און נאָך מער מיט זיך אַליין האָב איך מיר געשטעלט די פראַגע: צי איז נישט מיין פליכט — צו גיין אַרבעטן צווישן יידן? אַלן פאַלס האָב איך מיך באַמיט צו דינען אויך זיי, אויף וויפל דאָס איז געווען אומאָפּהענגיק פון פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. איך האָב זיך געקווענקלט, געשלאָגן זיך מיט דער דעה.

אין יענער צייט זענען ג. געקומען קיין וואַרשע. זיי זענען אַריין אין „פאַרבאַנד", פלעגן זיך אָפט טרעפן מיט מיר, און אין דער זעלבער צייט האָבן זיי ביידע אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע פון „בונד". נישט דערציילנדיק וועגן זיך האָב איך מיך נאָכגעפרעגט וואָס ווערט געטאָן. ווי אַזוי איך האָב געזוכט זיך צו אָריענטירן אין די פאַרהעלטענישן.

איין מאָל אין אָוונט האָט מיר ל. סודותפול געזאָגט: „איך וואָלט דיך וועלן באַקאַנט מאַכן מיט איינער אַ חברטע". איך האָב מסכים געווען, מיר זענען געגאַנגען צו א. א. איז לײדנשאַפטלעך אָנגעפאַלן אויף מיר. ס'טייטש, איר זענט אַ ייד, לויט די איבערציי־גונגען — אַ בונדיסט, און ווילט פאַר אונדז גאָרנישט טון? איך האָב דערקלערט אַז איך קאָן מיך נאָך אַליין נישט אַנטשליסן. אין דער זעלבער צייט בין איך באַלד מרוצה געוואָרן אויף אָרגאַניזירן אינעם פאַרבאַנד אַ ריי דיסקוסיע־אָוונטן. זיי זענען פאָרגעקומען. די נאַציאָנאַלע פראַגע האָט מען באַרירט. איצט האָבן זיך מיט מיר פאַראינטערעסירט אָנגעזעענע בונדיסטן. איך בין בכח געווען צו געבן זיי מיט אַ מאָל אַן אוידיטאָריע, באַשאַפן אַ קאָנטאַקט מיט דער אָרטיקער יוגנט, בין געווען פעאיק, רעדנעריש באַגאַבט, געווען איינפלוסרייך, האָב געקאָנט דינען פאַר אַ פאַרבינדונג צווישן בונד און דעם אָרטיקן פּוילישן און פּויליש־יידישן לעבן.

איין מאָל האָב איך צוליב די ענינים פונעם פאַרבאַנד געדאַרפט פאָרן קיין לאָדזש. עס האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך ל. ער האָט געבעטן איבערגעבן אַ בריוו דער איצט שוין פאַרשטאָרבענער עזא ליפשיץ. אגב, האָט ער געפּרואווט אַגיטירן מיך. דעם בריוו האָב איך גענומען, די פּרוואוון פון אַגיטאַציע אָפּגעווענדט, מיר האָבן זיך צעשיידט קאַלט. אין לאָדזש בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט עזא ל. און מיט אַנדערע אָרטיקע טוער. געווען מיט זיי אויף אַן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג אין וואַלד און האָב צום ערשטן מאָל דערזען אַ יידישע אַרבעטער־מאַסע, דערהערט די „שבועה". איך האָב מיך נאָך אַלץ געקווענקלט, אָבער דער כאַראַקטער פון מיינע ספקות האָט זיך איבערגעביטן. איך האָב זיך געזאָגט: א. איז גערעכט, איך מוז אַרבעטן צווישן יידן. אויב איך וועל דאָס נישט טון, — איך, די פאַרקערפּערטע דעמאָנסטראַציע פון „יידישקייט" צווישן דער וואַרשעווער יוגנט, — טאָ ווער־זשע וועט דאָס טון? וועט זיך צווישן דעם יידישן און פּוילישן אַרבעטער שטעלן דער רוסיש־יידישער אינטעליגענט, וועט דאָס שווער מאַכן, זיי זאָלן זיך איינער דעם אַנדערן פאַרשטיין. איך וועל אַרבעטן צווישן יידן, ווייל איך בין אַ פּוילישער ייד, און וויל די דאָזיקע פּאָזיציע נישט אָפּטרעטן אַנדערע.

איך האָב אָבער געצווייפלט אין דער מעגלעכקייט אָנצונעמען די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע, וואָס וועגן דעם האָט דער בונד דעמאָלט זייער נישט דרייסט צום ערשטן מאָל דערמאָנט אויף זיין פערטן צוזאַמענפאָר.. דער פאַרבאַנד האָט אָרגאַניזירט וועגן דער פראַגע אַ ריי דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען. די רעזאָלוציע פון פערטן צוזאַמענפאָר האָט רעפערירט ר. איך געדענק: פון די ציוניסטן איז דעמאָלט אַרויסגעטראָטן לעשטשינסקי: ענטפערנדיק אים האָב איך צום ערשטן מאָל אין לעבן באַנוצט די ווענדונג „מיר, יידישע ס"ד, ר"ס. דערקלערונגען, פּירושים, זיין התפעלות האָבן צעזייט מיינע ספקות. דער באָדן איז שוין געווען פאַרטיק. נאָך דער לעצטער דיסקוסיע בין איך צוגעגאַנגען צו אים און האָב דערקלערט: איך בין אייערער.

אַזוי בין איך אַריין אין בונד. דורך אַ לאַנגען אומוועג בין איך

צו אים געקומען. פון פּוילקאַם פרעמד זיין מיט יידן — צום אריינטרעטן אין די רייען פון אַ יידישער פּאַרטיי. פון עכט־אַסימילאַטאָרישע מיינונגען — צו נאַציאָנאַלע יידישע פאָדערונגען.

אריינטרעטנדיק אין בונד האָב איך גערעכנט אז איך האָב דערפילט מיין פליכט בנוגע דער יידישער מאַסע. איך בין אַ סאָציאַליסט, אַ ייד, וואָרזשע זאָל איך אַרבעטן? אין דער זעלבער צייט האָב איך געגלויבט אַז דורך דעם וועג דין איך דעם לאַנד, ווייל איך האָב געגלויבט אַז איך וועל פּאַרבינדן יידן מיט פּוילן. שוין נישט אַסימילירן, נאָר אריינפירן ווי בירגער.

מיין אויפגאַבע האָט געזאָלט זיין: פּאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די יידישע ארבעטער אין פּוילן און פּאַרטיידיקן די אינטערעסן פונעם לאַנד אין די נשמות פון די יידישע אַרבעטער. מיט דעם ציל און צוליב דעם בין איך אריינגעטראָטן אין בונד.

עטלעכע חדשים שפּעטער האָב איך גערעדט מיט די פירער פון די עס־דע־קאַ־פּע־על. זיי האָבן געזאָגט: הגם זיי אַכטן מיינע אָנשויאונגען, רעכענען זיי אָבער אַז איך וואָלט געווען נוצלעכער ביי זיי, „איר קענט נישט די שפּראַך, איר קענט נישט די יידישע מאַסן". איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

---

אַזוי ווי איך האָב געמוזט אויסקלייבן אָדער די יידישע, אָדער די פּוילישע פּאַרטיי (קיין געמיינזאַמע, פּאַראייניקטע איז נישט געווען און ס'איז איצט אויך נישטאָ) האָב איך אויסגעקליבן די, וועלכע האָט זיך אין מיר מער גענייטיקט. דעם יידישן אַרבעטער בין איך געווען נייטיקער, ווייל ווייניק מענטשן האָבן געפילט זייער פליכט בנוגע צו אים. אָבער איך בין געגאַנגען אַרבעטן און האָב געאַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער מיטן געדאַנק וועגן זייער גליק, וועגן דעם גליק פונעם לאַנד...

ווי אַזוי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט דאָס גליק, ווי אַזוי האָב איך געוואָלט דאָס דערגרייכן, — דאָס איז געווען אַן אויספיר פון מיינע טעאָרעטישע אָנשויאונגען...

*

די דאָזיקע אויטאָביאָגראַפיע איז געשריבן אין יאָר 1911, אַ יאָר פאַר גראָסערס טויט. נאָכדעם ווי ער איז באַפרייט געוואָרן פון וואַרשעווער טורמע און איז אַ קראַנקער אַריבערגעפאָרן קיין אויסלאַנד. ער האָט עס געשריבן אין פּויליש פאַר זיין טאָכטער, דעמאָלס נאָך אַ קינד פון 4 יאָר. מיר דרוקן דאָ דעם טייל וואָס זיין פרוי וויאַטשיסלאַווא גראָסער, האָט געפינען פאַר נייטיק צו פאַרעפנטלעכן.

אַרויסגענומען פון דעם בוך „דער רויטער פּונקט"
פאַרלאַג קולטור־ליגע וואַרשע 1921.



יידישער וואַלקער־קאָאָפּעראַטיוו אין וואַרשע

ד״ר שמואל אייזענשטאַדט
(ישראל)

# דאָס יאָר 1905 אין וואַרשע

(וואַרשעווער זכרונות)

**א.**

דער זומער פון יאָר 1905 איז געווען אַ שווערער אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין וואַרשע. אַ טייל פון די פירנדיקע חברים פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי, געווען איינגעשפּאַרט אין ציטאַדעל און אין פּאַוויאַק. אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען האָט זיך איינגעגעבן דורכצופירן נאָר אין אַ קליינעם פאַרנעם. די לימודים אין די טעאָרעטישע קרייזלעך איז אויסגעקומען צו פירן מיט גרויסע איבעררייסן. פּאַרטייאישע דירות זענען דורכגעפאַלן איינע נאָך די אַנדערע. די „בירזשע" פון דער פּאַוויע־גאַס איז אויסגעקומען איבערצוטראָגן עטלעכע מאָל אַנדערש ווו. עס האָבן אומעטום געלויערט שפּיאָנען און טייל מאָל אויך אייגענע פּראָוואָקאַטאָרן. די קאַוויאַרניעס אויף נאַוואָליפּקע, וואָס זענען געווען טרעפפּלעצער פאַר אַקטיוויסטן, זענען ניט געווען מער זיכער. זומער האָט מען נאָך געקענט דורכפירן אַ ריי אַקציעס אין די זומער־וואוינונגען אויף דער לענג פון דער ווייסל־באַן אין פּאַלעניצע, שווידער און אָטוואָצק. מיט די ערשטע רעגנס האָט זיך די אַרבעט געמוזט קאָנצענטרירן אין שטאָט גופא. עס האָט זיך פון צייט צו צייט איינגעגעבן אַרויסצוהעלפן זיך מיט די לעגאַלע געזעלשאַפטן — „הזמיר" און מיטן ליטעראַטן־פאַראיין אַלס טרעפּפּלעצער פאַר אינטעליגענטישע קלענערע גרופּעס. אַן ענגערער אינטעלעקטועלער יוגנטקרייז האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום יצחק לייב פּרץ און פלעגט זיך פאַרזאַמלען דאָס רוב ביי אים אין דער היים אין די פרייטיק צו־נאַכטן. דאָס זענען געווען דאָס רוב יונגע דיכטער און שרייבער וואָס האָבן זיך געשפּייזט פון דעם גרויסן סאָציאַלן און קינסטלערישן גייסט פון פּרץ.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט ווי אַ שוואַרצער פלאַם זיך צעגאָסן איבער די צאַרישע אַנשטאַלטן און האָט פאַרפּעסטיקט די בירגערלעכע געזעלשאַפט. אַלס אַ זון פון אַ יידישן אַרבעטער־פירער האָב איך דערפּאָלגלאָז געפּרואווט לאַנגע שווערע חדשים אויפגענומען צו ווערן אין 7—8טן קלאַס פון אַ וועלכער עס איז מלוכה־גימנאַזיע, כדי דורכצומאַכן דעם וועג צו העכערער יורידישער און פּאָליטישער בילדונג, וועלכע איז מיר געווען נייטיק בנפש לשם דער פּאַרטיפּונג און פאַרפולשטענדיקונג פון מיין אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער. איך האָב עטלעכע שווערע חדשים אַרומגעפּלאָגט זיך אין דער פּוילישער פּראָווינץ. גאַנצע טעג געלערנט, געגרייט זיך צו עקזאַמענס, און די נעכט פאַרבראַכט אין אַרבעטער־קרייזלעך, געשריבן רעוואָלוציאָנערע אויפרופן, רעוואָלוציאָנערע לידער און געהאַלטן רעפעראַטן.

אומעטום האָבן זיך די גימנאַזיעס פאַר מיר געשלאָסן, און אין אַ האַרבסטיקן טאָג האָב איך זיך אומגעקערט קיין וואַרשע. געפונען אַ ווינקל ביי אַ פריינד אויף דער דזשעלנע־גאַס, האַרט ביים פּאַוויאַק, און אַן אַנטוישטער אין מיין בילדונגס־פּראָגראַם זיך געוואָרפן צו פּאָליטישער זעלבסטבילדונג. ביי נאַכט געלייענט מאַרקסיסטישע ליטעראַטור, ביז אַ חברשע האָט פלעגט ניט אָנקלאַפּן אין פענצטער און אויפוועקן ערגעץ וואו אין אַ קרייזל.

איך האָב שוין אין יענע יוגנטיאָרן אָנגעהויבן מיין טעטיקייט אַלס פּובליציסט. איך האָב צו 17 יאָר פאַרעפנטלעכט מיינע ערשטע אַרטיקלען אין דער דעמאָקראַטישער טאָגצייטונג „דער פריינד" אין איין וועג אויך — אין דער אומלעגאַלער אַרבעטער־פּרעסע. איך האָב אָבער גלייכצייטיק אויך אויסגעדריקט מיינע רעוואָלוציאָנערע געפילן און איבערלעבענישן אין לידער, וועלכע זענען צום טייל אַנאָנים פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַרבעטער־צייטונגען און אָפט אויך געזונגען געוואָרן — לויט אימפּראָוויזירטע ניגונים אויף אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען.

אין יענעם האַרבסט פלעג איך זיך ניט קאָנען גייסטיק באַפרייען פון דעם שווערן איינדרוק אַז אין מיין שכנות שמאַכטן חברים אין די ענגע קעמערלעך פון פּאַוויאַק. איך פלעג, פאַרבייגייענדיק, מיט מיטגעפיל זיך צוקוקן צו די בלעכענע לאָדן („ברילן" פלעגט מען זיי רופן) וואָס פאַרשטעלן דאָס טאָגליכט פון די פאַרשפאַרטע קעמפער, און איך האָב זיך ניט באַרואיקט ביז איך האָב איין מאָל אָנגעשריבן און אָנגעקלעפּט אויף דער הינטערוואַנט פון טורמע דאָס אַכט־שורותדיקע ליד:

## ביים פּאַוויאַק

באַלד קומט שוין דער טאָג און מען וועט דיך צעברעכן,
דו הויכע, דו שטאַרקע, דו אייזערנע וואַנט;
איך הער שוין דאָס קול פון דיין בלוטיקן שונא,
ער גייט שוין, אָט קומט ער מיט וואָפן אין האַנט.

עס פאַלן די שטיינער, עס פאַלן די ריגלען,
באַלד וועט די פאַרקנעכטע וועלט זיין באַפרייט,
דער חורבן וועט זאַט זיין מיט בלוט פון די הענקער,
די וועלט וועט זיך פרייען צום סוף פונעם שטרייט.

און אין אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם האָבן די שטומע טויטע פענצטער פון פּאַוויאַק אָנגעהויבן ריידן מיט אַ שפּראַך פון רויך און פייער און פון רעוואָלוציאָנערן געזאַנג.

**ב.**

אין יענעם יאָר איז אין וואַרשע געווען אַ פייכטער און נעפּלדיקער האַרבסט. ביי טאָג האָט די זון נאָך געוואַרעמט, און אין די אָוונטן האָט אַ ווינטל אומעטיק געפּייפט און הילפלאָז געקלאַפּט אין די לאָדנס.

אויף דער דזשעלנע־גאַס ביים פּאַוויאַק איז געשטאַנען אַ פּאַרשטאַרקטע וואַך פון קאָזאַקן, וועלכע האָבן זיך נעקליבן פאַרברענגען דאָ די לופטיקע האַרבסטנאַכט, די נאַכט פון 16טן אויפן 17טן אָקטאָבער לויטן אַלטן סטיל.

זיי האָבן אויסגעשטעלט זייערע לאַנגע פּיקעס מיט די שפּיצן אַרויף אין דער געשטאַלט פון אַ דרייעק, אויפגעהאָנגען אויף זיי זייערע וואַסער־קעסלעך, צעלייגט פייערן און פאַר איין וועג געקליבן זיך וואַרעמען ביים פייער און טרינקען טיי. ביז זייערע קעסלעך האָבן אויפגעזאָדן, האָבן זיי געמאַכט שטאַרקע באַוועגונגען אַרום דעם פייער, קלאַפּנדיק אַ פוס אָן אַ פוס, און די שפּאָרן אויף זייערע שטיוול האָבן אומעטיק אונטערגעקלונגען.

און פּלוצלונג האָט זיך ווי אַ בליץ דורכגעטראָגן איבערן נע־

פּלדיקן וואַרשעווער האַרבסטאָוונט די ניט־דערוואַרטע, ניט גלויבלעכע בשורה: ניקאָליי דער צווייטער האָט באַווויליקט דעם פאָלק פּאָליטישע פרייהייט, געגעבן אים אַ קאָנסטיטוציע! עס איז עפּעס געווען זייער תמימותדיק די זאַך. עס האָט זיך ניט געקלעפּט מיט דער פּאָליטישער ווירקלעכקייט פון די לעצטע חדשים, עס האָט סותר געווען דעם שולחן־ערוך פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וועלכער האַלט לחלוטין ניט פון קיין רעפאָרמעס פון אויבן, פון הויף־רעוואָלוציעס. עס איז אָבער, מעגלעך געווען — און דאָס האָט זיך דאַך באַלד אויך אַרויסגעוויזן — אַן אַקט פון יאוש און שוואַכקייט, פון פאַרלאָרנקייט מצד די צאַרישע הערשער — און דעם אַקט האָט מען באַדאַרפט וואָס גיכער אויסנוצן, כדי צו אָרגאַניזירן ביי די תנאים פון צוגעזאָגטער פּאָליטישער פרייהייט אַ רעוואָלוציאָנערן מלוכה־סדר, פאַרוואַנדלען די רעפאָרם פון א ו י ב ן אין אַ שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער מאַסן־באַוועגונג פון אונטן.

די מאַסן האָט באַהערשט אַ סטיכישע פרייד און עקסטאַז. די וואַרשעווער גאַסן זענען, לויט דעם מלוכה־באַפעל פון פעטערבורג, באַלויכטן געוואָרן מיט פילפאַרביקע פייערן, — די מלוכה־געביידעס זענען אילומינירט און באַפּוצט געוואָרן ווי אין די גרויסע פייערטעג. עס זענען אויסגעהאָנגען געוואָרן און באַלויכטן מיט פייער־גירלאַנדן דעם צאַרס בילדער.

ניקאָליי דער צווייטער ברענט! — האָבן אויסגעשריען יענע נאַכט רעוואָלוציאָנערע רעדנער אויף די וואַרשעווער גאַסן — מען דאַרף אָבער ער זאָל פאַרברענט ווערן.

די פאָלקסמאַסן זענען אַרויס אויף די גאַסן. די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּאַוויאַק און אין ציטאַדעל האָבן אָנגעצונדן אין די פענצטער זייערע מאַטראַצן און ביים רויך און פייער האָט זיך געטראָגן פון קאַמער צו קאַמער דאָס געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער, די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן האָבן דערוואַרט פון מינוט צו מינוט זייער באַפרייאונג. נאָך פאַר האַלבער נאַכט האָבן זיך געעפנט די פאַרריגלטע טירן און די אַרעסטירטע זענען געווען מיטן פאָלק.

די גרויסע מאַסן אָרגאַניזירטע פּוילישע און יידישע אַרבעטער האָבן ניט פאַרלאָרן דעם קאָפּ. זיי האָבן זיך אומעטום גרופּירט אַרום זייער אַקטיוו און זייערע פירער. עס זענען אַרויסגעטראָגן געוואָרן די רויטע פאָנען אין גאַס אַריין, מען האָט אָבער אויך ניט פאַרגעסן מיטצונעמען מיט זיך אויף יעדן מעגלעכן פאַל דאָס באַהאַלטענע רעוואָלוציאָנערע כלי־זין.

גאַנץ גיך האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אויפרופן פון די פּאַרטיי־צענטראַל־קאָמיטעטן, וואָס האָבן אויפגעקלערט די לאַגע. אַלע גאַסן פון יידישן און פּוילישן שטאָטטייל זענען שוין 9 אין אָוונט געווען ענג געפּאַקט מיט מאַסן פון פּאַרטיי־חברים און סימפּאַטיקער, וועלכע האָבן זיך געשטעלט דיסציפּלינירט אויף דער רעוואָלוציאָנערער וואַך, מוטיק, באַוואוסטזיניק געשלאָסן אין רייען, אונטער זייערע פאָנען, אונטער דער פירונג פון זייערע פירער — עס איז געווען קלאָר אַז עס קומען אָן גרויסע טעג אין דער געשיכטע פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

דער גאַנצער שטח פון פּאַוויאַק, איבער קאַרמעליצקע, לעשנע, עלעקטאָראַלנע, זשעלאַזנע, ביז צו קרולעווסקע, מאַרשאַלקאָווסקע און נאָווי־שוויאַט האָבן געבילדעט איצט איין קאָמפּאַקטן רעוואָלוציאָנערן לאַגער. האַרמאָניש און באַגייסטערט האָבן געקלונגען די פּוילישע און יידישע רעדעס אין דער נעפּלדיקער האַרבסטלופט, אין וועלכער עס איז אין לייד און פרייד געבוירן געוואָרן די גרויסע ערשטע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און פּוילן.

איך בין געווען די גאַנצע צייט אויף דער גאַס מיט דער מאַסע, האָב פאַרגעסן הונגער און מידקייט. אַלץ האָט אין מיר געזונגען דאָס ליד פון דעם אויפקומענדיקן רעוואָלוציאָנערן מאָרגן. אָבער ניט קוקנדיק אויף מיינע 19 יאָר, האָב איך ניט פאַרלאָרן מיינע חושים, ניט פאַרשכורט געוואָרן דורך די איבערלעבענישן פון דער היסטאָרישער נאַכט, און ווען צוויי פאַר חברישע הענט האָבן מיך געהאַט אויפגעהויבן איבער די קעפּ פון דער אַרבעטער־מאַסע אויפן ווינקל פון לעשנע און קאַרמעליצקע און אויפגעפאָדערט צו ריידן צום פאָלק, האָב איך ביי דער גאַנצער האַרציקייט און פלאַם פון מיין רעדע ניט פאַרגעסן צו רופן צו רעוואָלוציאָנערער אויסגעהאַלטנקייט און לאָגיק, צו האַרבער וואַכזאַמקייט און דיסציפּלין.

ג.

שוין אויף מאָרגן האָבן די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, און נאָך איידער וואַרשע האָט זיך דערוואוסט וועגן די קאָנטררעוואָלוציאָנערע אַטאַקעס פון דער ליגנערישער צאַרישער רעגירונג און וועגן דער כוואַליע פון פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, האָט זיך שוין געגאָסן בלוט אין די וואַרשעווער גאַסן — פּויליש און יידיש בלוט האָט זיך ווידער באַהעפט אין דעם אויפמאַרש פון דעם שותפישן קאַמף.

פון פרימאָרגן אָן האָבן אַרבעטער־מאַסן און יוגנט אָן אויפהער פאַרפילט די צענטראַלע גאַסן פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט, מען האָט נייגעריק געוואַרט אויף ידיעות פון פעטערבורג און מאָסקווע. די יידישע גמינע אויף דער גזשיבאָווסקע־גאַס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טרעפפּונקט פון די יידישע מאַסן פון כלערליי פּאַרטייען. אין דער געביידע פון דער גמינע האָבן זיך געפירט פאַרזאַמלונגען און מיטינגען, עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּאַרטיי־פּאָלעמיק אַרום די אויפגעקומענע טאָגפראַגעס. די ליבעראַלן האָבן גערופן צו מעסיקייט און לאָיאַליטעט, די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן גערופן צו וואַכזאַמקייט, צו אַן איינהייטספראָנט. סיימיסטן און אַנדערע אויטאָנאָמיסטן האָבן געפּרוּווט באַרירן די פראַגע פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וועלכע האָט ביי זיי אויסגעזען אַלס אַן אַקטועלע פראַגע פון מאָמענט.

עס איז נאָך שווער געווען צו ריידן וועגן אַלץ אויסגערעכנט, באַגרינדעט מיט אַ קאַלטן קאָפּ; די כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן קייקלען, עס איז נאָך לגמרי נישט קלאָר געווען ווי גרויס איז זייער שלאָגקראַפט.

קיינער האָט זיך אָבער ניט גערעכנט אַז שוין אויף מאָרגן נאָך די פייערלעכע הבטחות דעם פאָלק וועט זיך אויפדעקן מיט אַזאַ העסלעכן ציניזם דער אַלטער צאַרישער שקר, אַז שוין דעם 18טן אָקטאָבער וועט זיך אַרבעטער־בלוט גיסן אין די וואַרשעווער גאַסן.

אין קאָמפּאַקטע מאַסן האָבן מיר זיך אַ זייגער 10 אין דער פרי געלאָזט מאַרשירן פון דער יידישער גמינע צום פּלאַץ גזשיבאָווסקי, וועלכער איז געלעגן אויפן צענטראַלן מאַרשירוועג פון דער פּאַראַייניקטער פרידלעכער דעמאָנסטראַציע פון דער וואַרשעווער אַרבעטערשאַפט. פון אַלע עקן פון דעם פּוילישן און יידישן שטאָטטייל האָבן זיך געצויגן געשלאָסענע אַרבעטער־קאָלאָנעס מיט פלאַטערנדיקע רויטע פאָנען אין באַגלייטונג פון מוזיק־אָרקעסטערס. לאַנג האָט געדויערט ביז די קאָלאָנעס האָבן געקענט אָנקומען אויף דעם פּלאַץ גזשיבאָווסקי, וואָס איז ניט געווען ביכולת אויפצונעמען די פאָלקסמאַסן, וועלכע האָבן צו אים מאַרשירט. די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מאַסן האָבן, אָנקומענדיק צום פּלאַץ, פאָרמירט ברייטער זייערע רייען, גענומען זיך פאַר די הענט און אין געשלאָסענע שורות — דאָס איז מן הסתם שוין געווען אַרום 12 ביי טאָג — איינגעגלידערט זיך, לויט דער אינסטרוקציע פון אָרדענערס, אין דער מעכטיקער דעמאָנסטראַציע וואָס האָט אַריינגעמאַרשירט אויפן פּלאַץ.

איך בין געווען אָנגעשלאָסן אין איינער פון די דאָזיקע מאַרשירנדיקע שורות; אַ טיפע אינעווייניקסטע פרייד פון קאָלעקטיוון אויפמאַרש, פון רעוואָלוציאָנערער דערגרייכונג, האָט באַהערשט אַלע מיינע חושים. איך האָב געזונגען מיטן אַרבעטער־פאָלק, האָב זיך מיט אים גייסטיק באַהעפט.

מיר האָבן שוין געמיטן דעם פּלאַץ און זענען געגאַנגען ווייטער, ווען הינטער אונדז האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּעריי פון פערדישע פיס, דאַן אַ ווייגעשריי פון מענטשן און גלייך נאָך דעם אַ שיסעריי, אַ קאַנאָנאַדע פון ביקסן.

די פאַרפלוכטע צאַרישע רעגירונג האָט אונדז פאַרראַטן.

רייטנדיקע זשאַנדאַרמען און קאַוואַלעריע, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין די אַרומיקע פּלעצער און הויפן, האָבן זיך פּלוצלינג

אַריינגעריסן אָן קיין שום התראה, ווי ווילדע חיות, אין די מאַרשירנדיקע שורות פון אַרבעטער־פאָלק. די פערד האָבן געטראָטן מענטשן, די רייטער האָבן געשאָסן, אויסגעשרייען פון די פאַרוואונדעטע האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט די קאַמפסרופן פון די דעמאָנסטראַנטן. אַלטע געפּרואווטע אַרבעטער־קעמפער האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט מיט וואָפן די אָנפאַלער, באַמיט זיך אָפּצושטעלן די פּאַניק און ניט לאָזן די פינצטערע שליחים פון צאַריזם דורכצורייסן און דעזאָרגאַניזירן די געשלאָסענע רייען פון דעם מאַרשירנדיקן פרידלעכן פאָלק.

אין יענעם טאָג זענען געפאַלן 26 מאַן טויט און פיל צענדליקער זענען פאַרוואונדעט געוואָרן.

דער אַרבעטער־קלאַס אין צאַרישן רוסלאַנד איז געווען געוואוינט צו קרבנות, די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז געווען גענוג זאַט מיט בלוט און מיט טרערן, נאָר יענע קרבנות זענען געווען קרבנות פון פּריצייטיקער פרייד, פון פאַרשוועכטן גלויבן אין די קאָנסטיטוציאָנעלע פרייהייטן; זיי זענען געפאַלן דורך דער האַנט פון אומגעריכטע צאַרישע מערדער, און זיי האָבן דעריבער דערוועקט אַ פלאַמענדיקן צאָרן אין די אַרבעטער־הערצער, אין האַרצן פון יעדן ערלעכן בירגער. זיי האָבן דערמאָנט אָן דער פּעטערבורגער צאַרישער שחיטה פון 9טן יאַנואַר. איך האָב מיט מיינע אויגן געזען ווי חברים זענען געפאַלן עטלעכע טריט פון מיר, איך בין געלאָפן זיי העלפן, אַרויסגעטראָגן פון אונטער דער שיסעריי. מיינע הענט זענען צום ערשטן מאָל געווען באַפלעקט מיט מענטשלעך בלוט, איך האָב געזען ווי די פאָנען־טרעגער האָבן דורכגעלייגט זייער וועג פאָרויס, ווי דאָס בלוט פון די פאַרוואונדעטע האָט זיך געגרויטלט צוזאַמען מיט די רויטע פאָנען. יאָ, מען האָט די בלוטיקע טיכלעך צוגעהאָנגען צו די פאָנען און זיי געטראָגן אויפן קאַמפּסמאַרש.

איך האָב מיט פייער און צאָרן געשילדערט יענעם טאָג אין מיין יוגנטליד „דער טאָג", אין וועלכן עס איז פאַרקערפּערט געוואָרן די קאָלעקטיווע איבערלעבעניש פון די וואַרשעווער פאָלקסמאַסן:

א טאָג איז געווען דאָס אַ גרויסער, אַ שווערער,
אין גאַס האָט די קעמפער געהיט מיליטער,
און מאַסן, אַרמייען מיט לידער מיט פאָנען
געוואַקסן, געוואָרן אַלץ מערער און מערער.

עס לויפן קאָזאַקן, דראַגונער, זשאַנדאַרמען,
די מעכטיקע מאַסע צעטריבן, צעזייט,
און אָט איז זי פּלוצלינג שוין ווידער פאַראייניקט,
געשלאָסן אין רייען, מאַרשירט זי און גייט.

דער הענקער, דער מערדער, באַלד הייסט ער אונדז שיסן,
עס אַרבעט די ביקס און די בלוטיקע שווערד;
מיט פרייהייטס־געשרייען, מיט האַס אויף די ליפּן
פאַלן חברים אין בלוט אויף דער ערד.

נו, אַ טאָג איז געווען דאָס אַ בלוטיקער, שווערער,
מיר האָבן טיכלעך געטונקט אין דעם חברישן בלוט,
אַלע פאָנען געטראָגן מיט פלאַמיקע לידער
און פאָרווערטס געשריטן מיט גייסט און מיט מוט

נו, אַ שרעקלעכער טאָג איז דאָס איין מאָל געווען,
מיר וועלן דערציילן ביים ענד פון דער שלאַכט,
ווען טראָנען וועלן פאַלן, מאַרטירט זיי די הענקער,
און אַלץ צו אַ ליכטיקן לעבן דערוואַכט.

ד.

אויף מאָרגן האָבן מיר געפירט צו קבורה 26 רויטפאַרביקע טרומנעס מיט אונדזערע טויטע. די וואַרשעווער אַרבעטערשאַפט איז געווען העכסט צאָרנדיק און אויפגעבראַכט. זי האָט געלאָזט וואָרענען דאָס מיליטער און די זשאַנדאַמעריע אַז זי וועט זיך שווער נוקם זיין אָן די רעגירונגס־אַגענטן. אויב זיי וועלן זיך מאָרגן ווייזן אויף די גאַסן בעת די פאָלקסמאַסן וועלן באַגלייטן זייערע טויטע אויפן לעצטן וועג.

וואַרשע האָט ביז דאַן ניט געזען אַזאַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע ווי זי האָט געזען יענעם 19טן אָקטאָבער. אַרבעטער־פירער האָבן זי אָפּגעשאַצט אין אַ מיליאָן מענטשן. זי איז אָבער ניט נאָר מעכטיק געווען אין איר צאָל, זי איז געווען אויסגעהאַלטן און מאַיעסטעטיש אין איר רעוואָלוציאָנערן סטיל, אין איר סאָלידאַרישער באַהעפטקייט, אין דעם האַרמאָנישן דרייסטן אויפטריט פון די מאַסן.

דער צאַריזם איז אויף אַ טאָג צייט געשטאָרבן. מען האָט אויפן גאַנצן שטח פון וואַרשע ניט געזען קיין פּאָליציאַנט און קיין סאָלדאַטן. פון פרימאָרגן אָן האָבן זיך פאָרמירט קאָלאָנעס אַרבעטער, אינטעליגענץ, פרויען, לערן־יוגנט. עס זענען מאָביליזירט געוואָרן פון די פּאַרטייאישע אַקטיוון הונדערטער אָרדענער מיט רויטע בענדער אויפן אָרבל, וואָס האָבן געדאַרפט אַכטונג געבן אויפן רעוואָלוציאָנערן סדר פון די מאַסן. די מאַרשירנדיקע טרויער־שורות זענען באַשטאַנען פון אַכט פאַרשוין יעדע, און פון ביידע זייטן זענען זיי געווען אַרומגענומען מיט אַ לעבעדיקער האַנט־געשלאָסענער באַוועגלעכער שורה פון אַן אַרבעטער־וואַך, וואָס האָט ווי מיט אַ קייט אַרומגענומען די גיגאַנטישע פּראָצעסיע. טרויער, מוט, קראַפט און צאָרן זענען געווען אָנגעשריבן אויף יעדן פּנים; די 26 רויטע טרומנעס, וואָס זענען געטראָגן געוואָרן אויף אַרבעטער־הענט, זענען געווען באַצירט מיט בלומענקרענץ אין שוואַרצע בענדער. די אַרבעטער־כאָרן האָבן געזונגען רעוואָלוציאָנערע טרויער־לידער אויף פּויליש און יידיש.

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דער העראָאישער און טראַגישער פּרשה, דער פּרשה פון קאַמף צווישן דער רעוואָלוציע און דער קאָנטררעוואָלוציע.

ביידע צדדים האָבן געלאָזן אין גאַנג זייער קאַמפּס געווער.

דער וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט פאַרבאָטן אַלע דעמאָנסטראַציעס און מאַסן־פאַרזאַמלונגען; אין שטאָט איז בערך אין מיטן נאָוועמבער דערקלערט געוואָרן קריגצושטאַנד.

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט זיך לאַנג ניט באַרויקט, זי האָט דורכגעבראָכן אַלע שטערונגען און באַגרענעצונגען און האָט זיך געריסן אין אָפענעם מאַסנקאַמף קעגן צאַריזם. די טורמעס האָבן זיך ווידער פאַרפילט מיט פּאָליטישע קעמפער. דער הויפּט מיט אַרבעטער־פירער. עס איז דורכגעפאַלן אַ גרויסער טייל פון בונדישן אַקטיוו. און ווען אַ געשלאָסענע דעמאָנסטראַציע פון יידישע אַרבעטער־קינדער, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן „קליינעם בונד", האָט זיך געלאָזט מאַרשירן צו דער פּאַוויאַק־טורמע מיט דער פאָדערונג אַז מען זאָל באַפרייען זייערע עלטערן — האָט די פּאָליצײ און זשאַנדאַמעריע געשאָסן אויפן באַפעל פון דער רעגירונג, און קינדערש בלוט האָט באַנעצט די גאַסן.

עס האָבן דעמאָלט אויסגעבראָכן אין וואַרשע מעכטיקע כוואַליעס אַרבעטער־שטרייקן, וועלכע האָבן זיך סאָלידאַריזירט מיט דער אַלגעמיינער רוסלענדישער שטרייק־באַוועגונג. זיי האָבן אַריינגעטראָגן פּאָליטישן כאַראַקטער און האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער דיסציפּלין און אַנטשלאָסנקייט.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך געפונען אין פולן פּאָליטישן קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער. עס האָבן געשטרייקט יידישע אַרבעטער פון אַלע פאַכן, און באַזונדער שווער האָט די אָרעמע מאַסע איבערגעטראָגן דעם בעקער־שטרייק, וואָס האָט זיך געצויגן אויף וויפל איך געדענק, אַ קנאַפּע וואָך.

ה.

מיט דער הילף פון געדונגענע כוליגאַנעם האָט די צאַרישע אַדמיניסטראַציע געפּרוווט אין מיטן נאָוועמבער צו אָרגאַניזירן אַ יידישן פּאָגראָם אויך אין וואַרשע. עס זענען דערפון ביי צייטנס געוואָר געוואָרן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און אויך אַנדערע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, און מען איז תיכף צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן אַ שטאַרקע און פאַרצווייגטע זעלבשוץ.

די צוגרייטונגס־ארבעט האָט זיך געפירט ביי תנאים פון העכסט־שטרענגער קאָנספּיראַציע. דער צענטראַלשטאַב פון דער זעלבשוץ, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אויך פּוילישע אַרבעטער־אַקטיוויסטן און רעוואָלוציאָנערע פירער, איז געווען פאַרבונדן מיט דעם יידישן שטאָטטייל דורך וואַנדערנדיקע קאָלאָנעס. כלי־זין איז געווען באַהאַלטן אין פאַרשיידענע ערטער. לויט דעם באַפעל פון דער זעלבשוץ פלעגן די טויערן פון די הויפן בלייבן פאַרשלאָסן דעם גאַנצן טאָג. די „סטרוזשעס" זענען געשטאַנען אונטער דער השגחה פון די הויז־איינוואוינער, וועלכע פלעגן לויט דער ריי האַלטן וואַך ביי די טויערן. אין די דירות וואָס גייען אַרויס צו דער גאַס זענען געווען אָנגעזאַמלט שטיינער און אייזנברוך אַלס עלעמענטאַרע מיטלען פון פאַרטיידיקונג. אויך האָט די זעלבשוץ באַפוילן עס זאָלן טאָג און נאַכט געקאָכט ווערן קעסלען מיט וואַסער, מען זאָל מיט זיי קאָנען אָפּבריען און פאַרטרייבן די פּאָגראָמשטשיקעס, ווען זיי וועלן אַטאַקירן די טויערן.

די זעלבשוץ האָט אינספּעקציאָנירט די הייזער צוויי־דריי מאָל אין טאָג. פאַר יעדן טאָג פלעגן באַשטימט ווערן אַנדערע פּאַראָלן, און נאָר ווענדנדיק זיך מיטן פּאַראָל און קריגנדיק אַן ענטפער, פלעגט דער פאַרטרעטער פון דער זעלבשוץ קומען אין קאָנטאַקט מיטן פאַראַנטוואָרטלעכן פאַרטרעטער פון דעם הויף. אַזוי געדענק איך, אַ שטייגער, אַז איין טאָג איז דער פּאַראָל באַשטאַנען פון בלויז צוויי ווערטער: „ווארשע־רעוואָלוציע". דער פאַרטרעטער פון דער זעלבשוץ האָט אָנקומענדיק אויסגערופן „ווארשע", און ערשט באַקומענדיק דעם ענטפער — „רעוואָלוציע" האָט ער ווייטער פאַרהאַנדלט און אינסטרואירט, און דערציילט וואָס עס טוט זיך אין שטאָט.

באַזונדער שווער איז געווען דער פאַרבינדונגס־דינסט פון דער זעלבשוץ ביי נאַכט. מען האָט בעיקר געדאַרפט מורא האָבן אַז די כוליגאַנעס מיט דער אונטערשטיצונג פון פּאָליציי זאָלן ניט באַפאַלן דעם יידישן שטאָטטייל פון ווארשע ביי נאַכט. און אין שטאָט פלעגט זיך ביי קריגצושטאַנד 9 אין אָוונט אָפּשטעלן יעדע באַוועגונג. אויף אַרויסצוגיין אין גאַס האָט מען געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, און אַזעלכע פלעגט געגעבן ווערן נאָר ביי אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען.

די זעלבשוץ איז דאַן געפאַלן אויף אַ זעלטענעם איינפאַל, וועל־כער האָט איר געשאַפן די מעגלעכקייט צו באַוואַכן די שטאָט ביי נאַכט און צו פאַרבינדן זי מיט דער באַפעלקערונג: די ווארשעווער „דראָזשקאַזשעס", די בעלי־עגלות, האָבן געהאַט דערלויבענישן אַרויסצופאָרן ביי נאַכט אומגעשטערט. עס איז אויסגעקומען דאָס אויסצונוצן פאַר די צוועקן פון זעלבשוץ. מען האָט די „דראָזשקאַזשעס" איבערגערעדט אָדער דאָס רוב געצוואונגען צו בלייבן זיצן אין דער היים, לאָזן די מענטשן פון דער זעלבשוץ איבערצוטאָן זיך אין זייערע בעל־עגלישע קליידער און אַרויספאָרן אויף דער נאַכט אויף זייערע פערד אין שטאָט אַריין. אַזוי האָבן עטלעכע צענדליק כלומרשטע „דראָזשקאַזשעס" געהאַלטן וואַך איבער די נאַכט־לעכע גאַסן און הויפן, בעת די אמתע „דראָזשקאַזשעס" זענען גע־בליבן זיצן אין דער היים אונטער דער אויפזיכט פון דער זעלבשוץ, כדי זיי זאָלן נישט קאָנען אַרויסגעבן די זאַך דער פּאָליציי.

די שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פון דער זעלבשוץ האָט דעמאָלט פאַרהיט ווארשע פון אַ יידישן פּאָגראָם. עס איז ניט גרינג געווען דער פּאָליציי ביי אַזעלכע אומשטאַנדן צו געפינען גענוג כוליגאַנעס פאַר דעם מיאוסן שפּיל. די פּוילישע ווארשע, אפילו די רעאַקציאָנערע, האָט זיך בכלל אָפּגעהאַלטן פון דער מיאוסער שותפות מיט צאַרישע אַגענטן.

דערפאַר אָבער האָט די זשאַנדאַמעריע אויסגעשפּירט יעדן פּאָליטישן טוער, יעדן אַרבעטער־אַקטיוויסט און יעדן טוער פון דער זעלבשוץ. זי האָט זיך צו דעם צוועק באַנוצט אויך מיט דער הילף פון פּראָוואָקאַטאָרן, די מיאוסע פאַררעטער פון פאָלק און פון זיין באַפרייאונגס־קאַמף.

ביי מיינע 19 יאָר בין איך שוין געווען אַ שווערער „פּאָלי־טישער פאַרברעכער" און אַלס אַזאַ בין איך געווען פאַרשריבן אין די געהיימע צעטלען פון דער פּאָליציי. מען האָט מיך נאָכגעשפּירט. מיר איז אויסגעקומען צו אַרבעטן אין די אַרבעטער־קרייזלעך און אין דער זעלבשוץ און אַלע מאָל אויסצובאַהאַלטן זיך, איבערצו־וואַנדערן פון דירה צו דירה.

אין אָנהייב דעצעמבער בין איך שוין געווען געצוואונגען אַרויסצופאָרן פון ווארשע אין דער שווייץ אויף אַ פרעמדן פּאַס, כדי אויסצומיידן מיין אַרעסט. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די ווארשעווער פּרשה פון מיין לעבן און יוגנטקאַמף.



ק. מאָשקאָוויטש

# „דער בלוטיקער מיטוואָך“

דער 15טער אויגוסט 1906 האָט זיך טיף איינגעקריצט אין זכרון פון עלטערן דור וואַרשעווער און נאָך היינט מוז מען אויפציטערן ווען מען דערמאָנט דאָס שרעקלעכע בלוטבאָד וואָס דער צאַרישער גענ׳־גובערנאַטאָר סקאַלאָן האָט איינגעאָרדנט אויף די וואַרשעווער גאַסן אין יענעם טראַגישן „בלוטיקן מיטוואָך“. אונטערן דאָזיקן נאָמען איז אַריבער אין דער געשיכטע דער גרויליקער טאָג ווען הער בלוטיקער סקאַלאָן האָט איבערגעגעבן די שטאָט אין הפקרדיקן רשות פון טרויעריק באַרימטן „וואָלינער פּאָלק“. דאָס איז געווען אַן ענטפער פון דער צאַרישער רעגירונג אויף די צאָלרייכע איבערפאַלן וועלכע די פּפּ״ס האָט דורך אירע ״באָיוווקעס„ דורכגעפירט אויף פּאָליציי און מיליטערלייט אויס נקמה צוליב דער גרויסער צאָל אַרעסטן פון אַרבעטער מצד דעם בלוטיקן צאַרישן רעזשים פון תליות און פּייניקונגען.

די סדקפּ׳ל (סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע) איז געווען אַנטשידן קעגן אַזעלכע טעראָר־אַקציעס קעגן מיליטער און פּאָליציי מצד די פּפּעסישע באָיוווקעס, די גרויסע צאָל קרבנות, וואָס זענען געפאַלן אין „בלוטיקן מיטוואָך“, האָט טאַקע געוויזן דעם אומזין פון די נקמה־אַקציעס, וועלכע האָבן בלויז גורם געווען צו פאַרשטאַרקן דעם טעראָר פון די צאַרישע סאַטראַפּן און נאָך מער אָנצופילן די תפיסות.

## ערב דעם שטורעם

די תליה אין ציטאַדעל האָט ניט גערוט. דער תלין האָט געהאַט אַ סך „אַרבעט“. די ציטאַדעל־קאַנצעלאַריע איז געווען באַלאַגערט פון אַ מאַסע פרויען: ווייבער, טעכטער, מוטערס פון די פאַרמשפּטע צום טויט.

— לאָזט אונדז זיך געזעגענען מיט אונדזערע מענער! מיר ווילן דאָס לעצטע מאָל אַ קוק טאָן אויף אונדזערע קינדער! מיר ווילן דאָס לעצטע מאָל אַרומהאַלדזן אונדזערע טאַטעס! — האָבן געוויינט און געשריגן די אומגליקלעכע פרויען.

— אַרויס פון דאַנען! — האָט געדונערט דער זשאַנדאַרמען־אָפיציר, — פאַרבאָטן זיך צו זען. מ׳וועט זיי הרגענען — און שוין! . . .

פויסטן האָבן זיך געביילט, טרערן זענען שטאַרקער גערונען איבער פאַרצווייפלטע פרויען־פּנימער, ליפּן האָבן געשיקט אַ קללה די תלינים און הענט האָבן זיך הילפלאָז פאַרבראָכן אין שטומען ווייטיק.

די צאַרישע מאַכט אין וואַרשע האָט נישט צוגעלאָזט די קרובים זיך צו געזעגענען מיט די צום טויט פאַרמשפּטע.

אין די אויגוסט־טעג פון 1906 זענען פאָרגעקומען אַזוי פיל מאַסן־אַרעסטן, ווי נאָך קיין מאָל נישט אין די טעג פון רעוואָלוציאָנערן אויפברויז. מ׳האָט געשלעפּט מענטשן פון דער גאַס, פון די קאַפעהייזער, פון די וואוינונגען, פון די גערטנער. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן האָט איינגעפירט קריגצושטאַנד. פאַר דער קלענסטער קלייניקייט איז מען געגאַנגען אויף דער תליה, פאַר נישט געפעלן אַ פּאָליציאַנט איז מען אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. די גאַנצע באַפעלקערונג איז געווען געפּענטעט פון דעם קריגצושטאַנד, וועלכער האָט זיך ווי אַ שווערער קאָשמאַר אַראָפּגעלאָזט אויף אַלעמענס קעפּ.

אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן האָט מען גערעדט וועגן נקמה. הויפּטזאַכלעך זענען געווען פאַר אַ טעראָר־אַקציע די פירער פון פּפּ״ס. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פּוילן און ליטע איז געווען קעגן אַנווענדן טעראָר לגבי דער פּאָליציי און מיליטער. די פּפּ״ס דערקעגן, האָט געהאַלטן אַז נאָר אַן אָרגאַניזירטער פּאָגראָם אויף דער פּאָליציי און מיליטער וועט אָפּשרעקן די צאַרישע מאַכט און וועט גלייכצייטיק נקמה נעמען פאַר אַזוי פיל פאַרגאָסן אַרבעטער־בלוט.

דינסטיק דעם 14טן אויגוסט, פאַר נאַכט, איז אין פּראַגע פאָרגעקומען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע אַלס פּראָטעסט קעגן נישט צולאָזן די קרובים זיך צו זען מיט די צום טויט פאַרמשפּטע. מ׳האָט געטיילט פּראָקלאַמאַציעס אין וועלכע מ׳האָט גערופן „דעם וואַרשעווער פּראָלעטאַריאַט צו זיין גרייט אין טאָג פון 15טן אויגוסט“.

אין אַ סך געהיימע לאָקאַלן זענען דעם זעלבן אָוונט פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען פון די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס ביי די פּאָליטישע פּאַרטייען. ס׳איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס וועגן דורכפירן מאַסנהאַפטע אָנפאַלן אויף די פּאָליציייאישע און מיליטערישע פּאָסטנס. מ׳האָט צווישן זיך פונאַנדערגעטיילט געווער און זיך צוגעגרייט צום מאָרגנדיקן טאָג, אין וועלכן ס׳איז אויסגעפאַלן אַ קאַטוילישע חגא.

די וואַרשעווער באַפעלקערונג איז רואיק געשלאָפן און נישט געוואוסט וועגן דעם שטורעם וואָס דאַרף צו מאָרגנס אויסברעכן. קיינער פון די פּשוטע וואַרשעווער איינוואוינער האָט זיך נישט גערעכנט אויף דעם בלוטיקן טאַנץ וואָס דער אָנגעקומענער טאָג וועט זיי צוגרייטן.

## דער פּאָגראָם אויף פּאָליציי און מיליטער

שוין זעקס אַ זייגער אין דער פרי האָבן זיך דערהערט אין די גאַסן די ערשטע רעוואָלווער־שאָסן.

דער הימל איז געווען אַ לויטערער. דער טאָג האָט זיך געגרייט צו זיין אַ הייסער, די זון האָט מיט יעדער מינוט אַלץ שטאַרקער געוואַרעמט, די לופט איז געווען דושנע און בריענדיק. אויף אַלע עקן פון די גאַסן זענען, ווי געוויינלעך אין דער צייט פון קריגצושטאַנד, געשטאַנען צוויי סאָלדאַטן מיט אַ פּאָליציאַנט. חוץ דעם האָבן זיך אַלע ווײַלע באַוויזן מיליטערישע פּאַטרולן, וועלכע האָבן רעווידירט פאַרדעכטיקע פאַרביייגייער, אַרעסטירט, געגעבן אַלס צולאָג אַ קלאַפּ מיטן „פּריקלאַד“.

ס׳איז געווען זעקס פאַר טאָג. קיין שום אויסערגעוויינלעכס איז נישט געווען צו באַמערקן. די פּאָליציאַנטן מיט די סאָלדאַטן אויף די פּאָסטנס אין די עקן פון די גאַסן האָבן געגענעצט, אַ ביסל זיך געזידלט אויפן עכט רוסישן שטייגער. ס׳האָבן זיך באַוויזן איינצלנע פאַרביייגייער. זייערע געזיכטער זענען געווען ערנסטע און אומרויִקע.

די גאַסן זענען ביסלעכווייז פולער געוואָרן. צוליבן קריסטלעכן יום־טוב האָט מען געזען אַ סך שפּאַצירנדיקע. די געוועלבער האָבן זיך געעפנט (דעמאָלט זענען די געשעפטן פריי אָפן געווען אין אַ חגאַטאָג), אין דער יידישער געגנט האָט זיך אָנגעהויבן דער געווייגלעכער רעש, יידן האָבן ארויסגערוקט זייערע ביידלעך מיט סחורה, געעפנט די קראָמען, גענומען לייזן.

פּלוצלינג גיט מען זיך איבער פון מויל צו מויל, פּנימער דערשרעקן זיך, מ׳שושקעט זיך: מ׳שיסט אויף סאָלדאַטן! באַיאָוועקעס הרגענען פּאָליציאַנטן! אין פּראַגע האָט מען געשאָסן אויף זשאַנדאַרמען!

מ׳הערט זיך איין, מ׳קוקט זיך אום — אין גאַס ווערט אַ בהלה!

דעם ערשטן סיגנאַל האָט געגעבן די פאָרשטאָט פּראַגע. זעקס אַ זייגער אין דער פרי האָט זיך רואיק, מעשה פּריץ, שפּאַצירט אויף עק לובעלסקע און גראָכאָווסקע דער באַקאַנטער אין יענער געגנט באַן־זשאַנדאַרם ראָזוואַניוק.

ס׳האָבן זיך דערנענטערט צו אים דריי יונגע־לייט און, ארויסנעמענדיק פון די טאַשן דריי בלישטשענדיקע ברויניגגען, אויסגעשאָסן אין ראָזוואַניוקן, אַוועקלייגנדיק אים אַ טויטן אויפן אָרט.

בליץ שנעל האָבן די יונגע־לייט פאַרקערעוועט אין דער לובעלסקע און פאַרשוואונדן געוואָרן. די פאַרבייגייער האָבן זיך מורא געהאַט צו דערנענטערן צום דערהרגעטן זשאַנדאַרם, מורא האָבנדיק אַז מ׳זאָל זיי נישט חושד זיין אין מאָרד, און זענען אַנטלאָפן.

דער מאַסנהאַפטער אָרגאַניזירטער פּאָגראָם אויף די צאַרישע דינער האָט זיך אָנגעהויבן. באַלד האָבן זיך אין אַלע גאַסן דערהערט רעוואָלווער־קנאַלן און אויף די טראָטואַרן זענען געבליבן די טויטע אָדער פאַרוואונדעטע קערפּערס פון די סטויקאָוועס (נידעריקע פּאָליציי־לייט), רעווירערקעס, סאָלדאַטן, אָפיצירן און זשאַנדאַרמען. דער בלוטיקער נקמה־אַקט האָט אָנגעהויבן צו געבן די ערשטע פּרוכטן.

אין אַ האַלבער שעה שפּעטער, אַרום האַלב זיבן אַ זייגער אין דער פרי, האָט זיך צו דעם פּאָליציייאיש־מיליטערישן פּאָסטן אויף עק קעמפּנע און מאָסקיעווסקע דערנענטערט אַ יידישער יונגער־מאַן. דער פּאָסטן איז באַשטאַנען פון אַ פּאָליציאַנט מיט צוויי זעלנער. דער פּאָליציאַנט, דערזעענדיק ווי דער יידישער בחור דערנענטערט זיך צו אים, האָט געגעבן אַ געשריי:

— קודאַ? — (וואוהין?).

דער יונגער־מאַן האָט אָנשטאָט אַן ענטפער ארויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און אויסגעשאָסן גלייך צום פּאָליציאַנט, וועלכער איז אַנידערגעפאַלן אַ טויטער אויפן אָרט. די קויל האָט אים געטראָפן גלייך אין האַרץ אריין.

דער יונגער־מאַן האָט גענומען אַנטלויפן. די צוויי סאָלדאַטן, וועלכע זענען געשטאַנען אויפן פּאָסטן מיטן פּאָליציאַנט, האָבן גענומען נאָכיאָגן דעם שיסער. דער יונגער־מאַן איז אָפּגעלאָפן עטלעכע צענדליק מעטער, הערנדיק כסדר הינטער זיך די געשרייען פון די סאָלדאַטן: „שטיי, מיר וועלן שיסן!" זעענדיק אַז די סאָלדאַטן זענען שוין נאָענט לעבן אים, איז ער אריינגעלאָפן אין אַ יידיש געוועלב אויף דער מאָסקיעווסקע און זיך באַהאַלטן הינטער די פּליי־צעס פון דער פאַרקויפערין, אַ יונג מיידל. אריינלויפנדיק אין געוועלב, האָבן די זעלנער גענומען שיסן און אַוועקגעלייגט דאָס מיידל אַ טויטע אויפן אָרט. דער שיסער ה אַ ב ע ר ג ר י ץ איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. די סאָלדאַטן האָבן אים ארויסגעשלעפּט פון געוועלב און דעם פאַרוואונדעטן געהאַקט מיט די קאָלבעס איבערן קאָפּ. דער שיסער איז אונטער אַ וואַך פון פּאָליציי אָפּגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל.

באַלד נאָך דעם דאָזיקן געשעעניש זענען דריי יונגע־לייט אויף אָסטראָוויעצקע־גאַס, אין פּראַגע, צוגעגאַנגען צום רעווירערווע פון יענער געגנט, קאַפּטאַן. דער דאָזיקער חברה־מאַן איז געווען שטאַרק פאַרהאַסט אין דעם אָרטיקן אַרבעטער־קוואַרטאַל, אָנטוענדיק אַלעמען געברענטע צרות. איינער פון די יונגע־לייט האָט זיך דערנענטערט נאָענט צום רעווירערווע און אַ פרעג געטאָן:

— איר וועט נאָך שלאָגן אַרבעטער?

דער רעווירערווע האָט פאַרשטאַנען מיט וואָס די דאָזיקע פראַגע שמעקט. ער האָט געוואָלט ארויסכאַפּן דעם רעוואָלווער, אָבער אין דער זעלבער סעקונדע האָבן די דערנעבן שטייענדיקע יונגע־לייט צו אים אויסגעשאָסן. ער איז אַנידערגעפאַלן, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. די יונגע־לייט האָבן גענומען אַנטלויפן. דער רעווירערווע, זייענדיק בלויז לייכט פאַרוואונדעט אין די פיס, האָט די יונגע־לייט נאָכגעשאָסן און איינעם פון זיי פאַרוואונדעט. די חברים האָבן מיטגענומען זייער פאַרוואונדעטן חבר און אַנטלאָפן אויף אַ פאַרבייפאָרנדיקער דראָזשקע, נאָך וועלכער דער רעווירערווע האָט כסדר נאָכגעשאָסן.

אַרום האַלב ניין אין דער פרי האָבן צוויי „באָיאָווצעס" (מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע) אויף זאַמקאָווסקע געשאָסן צום רעווירערווע ניקאָלסקי. די שאָסן האָבן נישט געטראָפן. די „באָיאָווצעס" האָבן גענומען אַנטלויפן אין דער ריכטונג צו דער ראַדזיוויינסקע. עטלעכע אָנקומענדיקע זעלנער האָבן זיי פאַרשטעלט דעם וועג און געכאַפּט.

דער פּאָגראָם אויף דער פּאָליציי האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. די גאַנצע אַקציע האָט זיך איצט איבערגעטראָגן אין צענטער פון דער שטאָט. אַ פּחד איז געפאַלן אויף די פּאָליציייאישע און מיליטערישע פּאַטרולן. אַ סך האָבן געוואָלט אַנטלויפן פון די פּאָסטנס און געזוכט אַ געלעגנהייט דאָס צו טון. ביים ערשטן שאָס וואָס די דאָזיקע פּאָליציאַנטן האָבן געהערט זענען זיי באַלד אַנטלאָפן פון פּאָסטן.

דעם ערשטן רושם אין דער יידישער געגנט האָט געמאַכט דער מאָרד איבערן רעווירערווע פון פערטן צירקל, פּ ע ט ע ר ד אָ נ צ ע ו, וועלכער איז געווען פאַרהאַסט ביי אַלע איינוואוינער פון דער נאַלעווקער געגנט.

ס׳איז געווען ניין אַ זייגער אין דער פרי. דער דאָזיקער דאָנצעוו איז געשטאַנען אויף עק נאַלעווקעס און שוו׳־יערסקע. מיט אים צוזאַמען זענען געשטאַנען צוויי הויכע סאָלדאַטן פון וואָלינער פּאָלק. דער רעווירערווע האָט מיט זיינע שפּיזיקע אויגן באַטראַכט די פאַרבייגייער. ער האָט נאָך וועגן די שיסערייען אין פּראַגע נישט געוואוסט. ער האָט זיך געהאַלטן חוצפּהדיק און געזידלט כמעט יעדן יידישן פאַרבייגייער. פון דער זייט פון די נאַלעווקעס האָבן זיך דערנענטערט צוויי יונגע־לייט. זיי זענען געגאַנגען מיט שנעלע און ענערגישע טריט. פּלוצלינג האָבן זיך דערהערט דריי קנאַלן. אויף דער גאַס איז געוואָרן אַ בהלה. מענטשן האָבן גענומען לויפן אין די טויערן. אויפן טראָטואַר איז געלעגן אין אַ קאַלוזשע בלוט, מיט אַ דורכגעשאָסענעם קאָפּ, דער דערהרגעטער רעווירערווע. די צוויי סאָלדאַטן זענען אַ ווייַלע געבליבן שטיין צעשראָקענע און נישט געוואוסט וואָס צו טון. די צוויי יונגע־לייט האָבן זיך אויסגעמישט מיט דעם לויפנדיקן עולם. ווען די סאָלדאַטן זענען צו זיך געקומען פון שרעק, האָבן זיי שוין קיינעם נישט געזען. די גאַס איז געווען פּוסט. די שיסער זענען פאַרשוואונדן.

כמעט אין דער זעלבער צייט האָט זיך צום פּאָליציאַנט, וועלכער איז געשטאַנען צוזאַמען מיט צוויי סאָלדאַטן אויף עק דזשיקע און גענשע, דערנענטערט אַ יידיש מיידל און איידער דער פּאָליציאַנט האָט באַמערקט צו זען וואָס דאָס מיידל טוט, האָבן זיך דערהערט פיר הילכיקע רעוואָלווער־שאָסן שנעל איינער נאָכן אַנדערן. די פאַרבייגייער האָבן אָנגעהויבן צו לויפן און מיט שרעק דערזען פּאָלגנדיק בילד: אויפן טראָטואַר זענען געלעגן אויסגעצויגן די קערפּערס פון פּאָליציאַנט און פון די 2 סאָלדאַטן. 1 סאָלדאַט האָט נאָך געלעבט און ער האָט, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף דער ביקס, נאָכגעשאָסן צום אַנטלויפנדיקן מיידל. דאָס מיידל האָט זיך עטלעכע מאָל אַראָפּגעבויגן, כדי אויסצומיידן די קוילן, און איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין דעם קופּיעצקע־געסל.

די מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ביי דער פּפּ״ס האָבן זיך געלאָזט איבער דער שטאָט און ווייטער געפירט דעם בלוטיקן שניט איבער די פּאָליצייאישע און סאָלדאַטישע קעפּ. די רעוואָלווער־ און ביקסן־קנאַלן זענען געוואָרן פון מינוט צו מינוט אָפטער, די שפּאַצירנדיקע און פאַרבייגייער אויף דער גאַס האָבן גענומען לויפן אַהיים. אַלע האָבן פאַרגעפילט אַז עס הייבט זיך אָן אַ שרעקלעכער, אַ מוראדיקער טאָג. אַ טייל געוועלבער האָבן זיך גענומען פאַרמאַכן. גייענדיק האָט מען כסדר אָנגעטראָפן אויף „באַ־

יאַוואָקעס", וועלכע האָבן געשאָסן צו פאַרבייגייענדיקע פּאַטרולן, צו פּאָליציאַנטן און אָפיצירן. די בהלה אין שטאָט האָט גענומען וואַקסן פון מינוט צו מינוט. דער שטורעם האָט זיך דערנענטערט, שוואַרצע וואָלקנס פון בלוט, שרעק און אנגסט האָבן זיך אָנגעהויבן צו קנוילן איבער די קעפּ פון די וואַרשעווער איינוואוינער.

ס'איז דערווייל צען אַ זייגער אין דער פרי און שוין דערציילט מען זיך פון מויל צו מויל וועגן אַ סך געהרגעטע פּאָליציאַנטן און סאָלדאַטן, מיט שרעק גיט מען אויך איבער אַז דאָ און דאָרט האָט מען געזען ליגן טויטע קערפּערס פון ציווילע מענטשן. וואו? ווער? מען ווייסט נאָך נישט, קיינער קאָן נישט קלאָר זאָגן, מען אײַלט זיך אהיים, די שרעק ליגט ביי יעדן אין די אויגן, אָבער מען ווייסט שוין! אויף זיכער אַז ס'זענען דאָ אויך אומשולדיקע קרבנות פון דער ציווילער באַפעלקערונג.

די זון ברענט, דער טאָג איז אַ הייסער, די דעכער גליען פון די זונשטראַלן. אין אַזאַ טאָג, נאָך דערצו אין אַ חגא־טאָג, זענען די וואַרשעווער גאַסן פול מיט שפּאַצירנדיקע. איצט גייט יעדער איינער מיט שנעלע טריט, מ'קוקט זיך אום אין אַלע זייטן, און הערט מען אַ שאָס, נעמט מען לויפן אין טויערן אַריין. דערווייל האָבן נאָך די סטרוזשעס נישט באַקומען קיין באַפעל צו שליסן די טויערן, דערווייל קאָן מען זיך נאָך באַהאַלטן פון דער רעוואָלווער־ און ביקסן־קאַנאָנאַדע.

— וואָס הערט זיך? פון וואַנען גייט איר? איז דאָרטן רואיק?
— רינגלט מען אַרום אַ יונגן־מאַן, וואָס קומט פון דער מאַרשאַלקאָווסקע.

— מ'שיסט. ס'פאַלן פּאָליציאַנטן, —ענטפערט ער מיט אַ סודותפולער שטים, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו רעדן. — אויף האָזשע, אויף פּרוזשנע, אויף נאָוואָוויעיסקע — זיי פאַלן ווי די פליגן.

און מען דערוויסט זיך: אויף עק פּרוזשנע און מאַרשאַלקאָווסקע איז געשטאַנען דער פּאָליציאַנט פּראָנטשאַק מיט דריי סאָלדאַטן. געווען איז עס צען אַ זייגער. אויף דער גאַס האָט מען נאָך געזען אַ סך שפּאַצירנדיקע, וועלכע האָבן נאָך נישט געוואוסט וואָס עס קומט פאָר אין די אַנדערע טיילן פון שטאָט. און אָט האָט זיך באַוויזן אַ יידישער יונגער־מאַן, ער איז צוגעלאָפן צו אַ פריילין, אַריינגעשטעקט זיין האַנט אונטער איר אָרעם און אַזוי אַרום גענומען שיסן אויף פּראָנטשאַקן מיט די סאָלדאַטן. די פריילין האָט פאַר שרעק אָנגעהויבן צו ספּאַזמירן. דער שיסער האָט דערווייל באַוויזן אָפּצוגעבן פון הינטער איר אָרעם פינף שאָסן. דער פּאָליציאַנט מיט איין סאָלדאַט זענען באַלד אַוועקגעפאַלן טויטע אויפן אָרט, די אַנדערע צוויי סאָלדאַטן זענען געוואָרן שווער פאַרוואונדעט. זיי האָבן נאָך באַוויזן אָפּצוגעבן צוריק צוויי שאָסן און פאַרוואונדעט דעם שיסער. דער יידישער יונגער־מאַן איז אַנידערגעפאַלן, ער האָט פּרובירט זיך אויפהייבן און געמאַכט אַ באַוועגונג צו אַנטלויפן, אָבער ער איז ווידער אומגעפאַלן, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. תיכף איז אָנגעלאָפן אַ מיליטערישער פּאַטרול, וועלכע האָט דעם שיסער אָפּגעפירט אין אויאַזדאָווער שפּיטאָל. שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט אַז ער הייסט  י ש ע י ה   ג אָ ל ד מ אַ ן.

ביז צוועלף ביי טאָג האָט מען שוין אויך געוואוסט אַז אויף פּלאַץ זבאַוויטשעלאַ האָט מען דערהרגעט אַ זשאַנדאַרם, אַז 11 אַ זייגער האָט מען אויף האָזשע 7 אַוועקגעלייגט אַ טויטן דעם פּאָליציי־פעלדפעבל פון 9טן צירקל, גלאָס, אַז האַלב צוועלף האָט מען ביי דער קערבעדזש־בריק אין פּראַגע דערשאָסן דעם „סטויקאָווע" באַנדאַריק, אַז אין וואָליע האָט מען אַוועקגעלייגט פיר זשאַנדאַרמען און צוויי פּאָליציאַנטן.

אָט לויפט אַ פאַרשוויצטער, עלטערער ייד, ער סאָפּעט שווער. די פּאָלעס פון זיין קאַפּאָטע פליען. זיין געזיכט איז פול מיט שרעק. אויף עק פראַנציסקאַנער און נאָוואָליפּקע שטעלן אים אָפּ אַ גרופּע פאַרבייגייער.

— פון וואַנען ר' ייד? איז עפּעס דאָרט געשען? דערציילט! — פרעגט מען.

— פרעגט נישט, פרעגט נישט, יידן, — קאָן דער ייד קוים רעדן און ווישט זיך מיט אַ גרויסער פאַטשיילע דעם שווייס פון שטערן, — מיינע אויגן זאָלן עס מער נישט זען וואָס כ'האָב געזען!

— וואָס האָט איר געזען? דערציילט!

דאָס געזעמל אַרום ייד ווערט גרעסער, מ'האָט אפילו מורא צו שטיין, אָבער די נייגעריקייט איז מנצח דאָס געפיל פון געפאַר. דער ייד דערציילט:

— כ'גיי פון אַלטשטאָט. לעבן מיר האָט מען אַוועקגעלייגט אַ סטויקאָווע. צוויי קוילן, גלייך אין קאָפּ אַריין. כ'האָב גענומען לויפן, לעבען מיר איז געלאָפן נאָך אַ ייד. סאָלדאַטן „וואָלינצעס", האָבן גענומען שיסן. כ'גיב אַ קוק — דער ייד לעבן מיר גיט אַ געשריי און פאַלט אַנידער אָן חיות. אַ קויל האָט אים געטראָפן גלייך אין דער שלייף אַריין. צי מעג איך נישט גומל־בענטשן, יידן? — קרעכצט דער דערציילער שווער אָפּ.

— געוויס, געוויס, — באַשטעטיקן אַלע. — איר האָט דאָך אויך געקאָנט דערשאָסן ווערן!

— אַ האָר פעלט בין איך אויך אַ טויטער! — ווישט זיך דער אָרעמער ייד דעם שווייס פון שטערן.

פון דער ווייטנס באַווייזט זיך אַ פּאַטרול, דער עולם צעלויפט זיך אין די טויערן, ס'הערן זיך עטלעכע שאָסן. אַ בחור פאַלט אַנידער מיט אַ דורכגעשאָסענעם פוס.

אין אַ טויער אויף לעשנע, וואו ס'באַהאַלטן זיך עטלעכע אַנטלויפנדיקע, דערציילט אַ יונגער־מאַן און אַלע הערן זיך צו מיט נייגעריקייט און גלייכצייטיקער שרעק.

— איר האָט געהערט די שאָסן אויף סאָלנע? דאָס האָט מען אַוועקגעלייגט אַ טויטן דעם גראָבן רעווירנאָווע פון 3טן צירקל. כ'האָב אַליין געזען ווי אַן עלעגאַנט־געקליידעטע דאַמע האָט זיך דערנענטערט צום רעווירנאָווע ווען ער איז געשטאַנען ביים טויער פון סאָלנע 10. זי האָט אַרויסגענומען פון בוזעם אַ רעוואָלווער און גלייך גענומען שיסן אין דעם רעווירנאָווע. ער האָט אויפגעהויבן די הענט און זיך תיכף אויסגעצויגן אין דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס. די דאַמע איז מיט שנעלע טריט אַריין אין אָגראָדאָווע. באַלד האָט מען אָנגעהויבן צו יאָגן און צו שיסן.

די באַהאַלטענע אין טויער האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ, כדי צו זען צי מען קאָן שוין אַרויסגיין אין גאַס. אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט האָבן זיך ווידער דערהערט עטלעכע ביקסן קנאַלן און דער דערשראָקענער עולם איז צוריק אַריינגעלאָפן אין טויער, טרעטנדיק איינער אויפן אַנדערן.

## צוויי באָמבעס

אַרום 1 ביי טאָג האָט זיך אין דער געגנט פון כלאָדנע־וואָלסקע דערהערט אַ מוראדיקער קראַך, אין אַ צען סעקונדעס נאָך דעם האָט זיך דערהערט אַ צווייטער קראַך, וועלכער איז געווען נאָך שטאַרקער פון ערשטן. פון אַלע זייטן האָט זיך געהערט אַ געקלינגעריי און אַ געברומזעריי פון אויסגעהאַקטע שויבן. די פאַרבייגייער אויף דער גאַס האָבן גענומען לויפן אין אַ ווילדער בהלה, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין די טויערן, געוועלבער, רעסטאָראַנען, קאַוויאַרניעס און ביידלעך. קיינער האָט אין דער ערשטער מינוט נישט געוואוסט וואָס ס'איז געשען.

— מ'האָט געוואָרפן אַ באָמבע! — האָט מען געשריגן — אַ באָמבע!

— וואו? וואו האָט מען געוואָרפן? — האָבן אַנדערע געפרעגט.

מ'איז געשטאַנען צוזאַמענגעפּרעסטע אין די טויערן און אַרויסגעזאָגט פאַרשידענע השערות.

ערשט אין עטלעכע שעה אַרום האָט מען זיך דערוואוסט וואָס ס'איז געשען, וואו מ'האָט געוואָרפן די צוויי באָמבעס, און מ'האָט זיך דערציילט וועגן דעם שרעקלעכן חורבן וואָס די באָמבעס האָבן אָנגעמאַכט.

די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך נישט באַנוגנט מיטן שיסן אויף איינצלנע פּאָליציי־ און מיליטער־פּאָסטנס. זיי האָבן מיט איין באָמבע געוואָלט אומברענגען אַ פּאָר צענדליק פּאָליציי־לייט מיט אַ מאָל און דערביי חרוב מאַכן דעם פאַרהאַסטן פּאָליציי־צירקל אין

וואַרשע, דעם 7טן צירקל, וואו מ'פּלעגט אויף אַן אכזריותדיקן אופן באַהאַנדלען אַרעסטירטע רעוואָלוציאָנערן.

דער דאָזיקער פּאָליציי־צירקל האָט זיך געפונען אויף דער כלאָדנע־גאַס. די פענצטער פון דער קאַנצעלאַריע און די אַמטן האָבן זיך געפונען אויף דער גאַס, אין פּאַרטער. צווישן צוועלף און איינס בייטאָג איז דער לאָקאַל פון צירקל פול געווען מיט באַאַמטע, פּאָליציאַנטן, רעוויראָוועס און זשאַנדאַרמען. אין אַ באַזונדערן קאַבינעט איז געזעסן דער קאָמיסאַר פוקס.

עטלעכע מינוט פאַר איינס האָט אימעצער אַריינגעוואָרפן אין איינעם פון די קאַנצעלאַריע־פענצטער אַ שטיין, אויסהאַקנדיק אַ שויב. דאָס איז געטון געוואָרן מצד די „באָיאָווצעס" מיט אַן אויסרעכענונג, כדי די באָמבע וואָס וועט ווערן געוואָרפן זאָל נישט דאַרפן אויסהאַקן די שויב און אויפרייסן אין דרויסן, נאָר גלייך אַריינפאַלן אין צימער און אינעווייניק אויפרייסן.

איינער פון די סאָלדאַטן האָט געוואָלט צולויפן צום פענצטער כדי צו זען ווער ס'האָט געוואָרפן דעם שטיין, אָבער אין דער זעלבער סעקונדע איז דורך דעם לאָך פון דער אויסגעהאַקטער שויב אַריינגעפלויגן עפּעס אַ שוואַרצע, קיילעכדיקע זאַך, ס'האָט זיך דערהערט אַ מעכטיקער דונער און פון אַלע זייטן האָבן אָנגעהויבן פאַלן שטיקער טינק, גלאָז, האָלץ, טינטערלעך. דאָס גאַנצע צימער און אַלע שכנותדיקע צימערן זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט רויך און שטויב. די טירן און פענצטער זענען אויסגעריסן געוואָרן פון די פוטרינעס. ס'האָבן זיך דערהערט קרעכצן, געשרייען און זידלערייען. פון אַלע צימערן האָט מען אָנגעהויבן צו לויפן מיט בלוטיקע קעפּ, פאַרוואונדעטע פּנימער, אָפּגעריסענע פינגער און צעפליקטע מלבושים.

אין דער זעלבער מינוט איז אין טויער פון צירקל געוואָרפן געוואָרן די צווייטע באָמבע, וועלכע האָט אויפגעריסן מיט אַ שרעקלעכן קראַך און צעשמעטערט אויף פּיצלעך דעם סאָלדאַט, וואָס איז דאָרט געשטאַנען אויף דער וואַך, און גלייכצייטיק שווער פאַרוואונדעט עטלעכע פּאָליציאַנטן וועלכע האָבן זיך געפונען אויפן צירקלהויף.

די בהלה איז איצט געוואָרן נאָך גרעסער. די נישט־פאַרוואונדעטע און לעבן געבליבענע פּאָליציאַנטן און באַאַמטע זענען געלאָפן אין אַלע זייטן, זוכנדיק אַן אָרט זיך צו באַהאַלטן פאַר דער עווענטועלער דריטער באָמבע... די פאַרוואונדעטע האָבן געקרעכצט, אָבער אין דער ערשטער מינוט האָט זיי קיינער נישט געגעבן קיין הילף ווייל יעדער האָט געזוכט אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיין אייגן לעבן.

דער באָמבע־אויפרייס אין טויער פון צירקל האָט אויך פאַרוואונדעט עטלעכע ציווילע פאַרבייגייער אויף דער גאַס, וועלכע זענען געבליבן ליגן אויפן טראָטואַר אין קאַלוזשעס בלוט. דער גאַנצער לאָקאַל פון 7טן צירקל און דער שטח גאַס דערנעבן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ חורבה. די ווענט זענען געשטאַנען האַלב איינגעפאַלן, דער סופית איז געווען געשפּאָלטן און האָט געדראָט אַ ליאַדע מינוט אַראָפּצופאַלן, די פּאָדלאָגע איז געווען אויסגעריסן שטיקערווייז, אויף ד'ערד האָבן זיך געוואַלגערט צעשמעטערטע טישן, בענקלעך, צעפליקטע, האַלב פאַרברענטע פּאַפּירן און שטיקער סחורה פון צעריסענע מלבושים.

די אָנגעקומענע דריי קאַרעטעס פון דער פּאָגאָטאָוויע האָבן געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט. עטלעכע שעה האָבן די דאָקטוירים געאַרבעט ביים געבן די ערשטע הילף און פאַרבאַנדאַזשירן די וואונדן פון די 25 פאַרוואונדעטע פּאָליציאַנטן און באַאַמטע. אויך דער קאָמיסאַר פוקס האָט באַקומען אַ וואונד אין דעם רעכטן אָרעם.

אין צוואַנציק מינוט אַרום איז די גאַנצע כלאָדנע־גאַס באַלאַגערט געוואָרן מיט אַ מאַסע מיליטער און פּאָליציי. די גאַס איז פון ביידע זייטן פאַרמאַכט געוואָרן און די סאָלדאַטן פון וואָלינער פּאָלק האָבן באַקומען אַ באַפעל צו שלאָגן און צו שטעכן וועמען מ'וועט נאָר אָנטרעפן. נישט קאָנענדיק כאַפּן די באָמבע־וואַרפערס, האָבן די האַלב שיכורע „וואָלינצעס" זיך געלאָזט אויף ביידע זייטן גאַסן און גענומען אומברחמנותדיק שלאָגן און שטעכן מיט די שפּיזן פון די ביקסן די שוצלאָזע, צעשראָקענע פאַרבייגייער. די סאָלדאַטן האָבן זיך געלאָזט נאָך דעם אַנטלויפנדיקן עולם אין די טויערן און געקאַטעוועט מיט קאָלבעס איבער די קעפּ, געשטאָכן מיט די שפּיזן



אין די רוקנס פון די אַנטלויפנדיקע. די קרעכצן און געוואַלדן פון די באַפאַלענע האָבן זיך אויסגעמישט מיט די הוראַ־אויסגעשרייען פון די ווילדע „וואָלינצעס". איבער דער כלאָדנע זענען געלעגן אויסגעלייגט ביז צוואַנציק שווער פאַרוואונדעטע מענטשן, וועלכע קיינער האָט זיך נישט געאיילט צו געבן הילף, ווייל ערשטנס איז די פּאָגאָטאָוויע געווען פאַרנומען מיט באַנדאַזשירן די פאַרוואונדעטע אין צירקל און צווייטנס איז דער גאַנצער אָפּשניט פון דער גאַס, פון זשעלאַזנע ביז סאָלנע, געווען פאַרמאַכט דורך קאָרדאָנען מיליטער. מ'האָט קיינעם נישט אַריינגעלאָזט נישט אַרויסגעלאָזט. די פאַרוואונדעטע זענען פון מינוט צו מינוט אַלץ מער אָפּגעגאַנגען אין בלוט און אָנגעהויבן צו גוססן.

דאָס איז געווען דער ערשטער ענטפער פון דעם מיליטער אויפן טעראָר פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. דער בלוטיקער טאַנץ פון באַרימטן וואָלינער פּאָלק האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, די כוואַליע פון הריגות און שחיטות האָט זיך גענומען ווילד צעבושעווען איבער די גאַסן פון וואַרשע.

דער פּאָגראָם אויף די צאַרישע דינער האָט נאָך געדויערט און שוין האָט זיך אָנגעהויבן דער קעגנאָנגריף מצד דעם מיליטער. אָבער דער דאָזיקער בלוטיקער אָנגריף איז געווענדט געוואָרן בלויז אויף דער שוצלאָזער, רואיקער באַפעלקערונג, אויף קינדער און זקנים, אויף שוואַנגערע פרויען און צופעליקע פאַרבייגייער. אַ שרעקלעכן, גרוילעכן בלוטשטייער האָט די וואַרשעווער באַפעלקערונג באַצאָלט פאַר דעם פּאָגראָם אויף דער פּאָליציי און מיליטער וואָס די „באָיאָווצעס" פון פּפּ"ס האָבן איינגעאָרדנט.

אַרום צוויי אַ זייגער ביי טאָג זענען די מיליטערישע און פּאָליציאישע פּאָסטנס געווען אַזוי אָנגעשראָקן אַז זיי זענען אַנטלאָפן פון זייערע ערטער. אויף טאַמקע האָבן עטלעכע יונגע־לייט אַנטוואָפנט אַ סאָלדאַט. דער צווייטער סאָלדאַט מיט אַ פּאָליציאַנט האָבן אפילו נישט געפּרואווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד נאָר זענען אַנטלאָפן. אויף עק ווראָניע און כלאָדנע זענען פינף יונגע־לייט מיט אויסגעשטרעקטע ברוינינגען צוגעגאַנגען צו דעם פּאָליציאַנט מיט די צוויי זעלנער וואָס זענען דאָרט געשטאַנען און געפאָדערט אָפּצוגעבן דאָס געווער. דער פּאָליציאַנט און די צוויי סאָלדאַטן האָבן, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, כהרף־עין אויסגעפירט דעם באַפעל. איינער פון די סאָלדאַטן האָט געבעטן:

— דערשיסט נישט, מיר וועלן אייך אַלץ אָוועקגעבן!

האַלב דריי ביי טאָג האָט מען שוין אין שטאָט געוואוסט אַז פון די הענט פון די „באָיאָווצעס" זענען געפאַלן טויט: 16 פּאָליציאַנטן, 5 רעוויראָוועס, 7 זשאַנדאַרמען און 8 סאָלדאַטן. פאַרוואונדעט זענען געוואָרן 8 פּאָליציאַנטן, 2 רעוויראָוועס, 2 זשאַנדאַרמען, 6 סאָלדאַטן און 2 אָפיצירן.

אָבער גלייכצייטיק האָט מען זיך אָנגעהויבן איבערצוגעבן שרעקלעכע ידיעות וועגן אָנפאַלן פון „וואָלינצעס" אויף שוצלאָזע, אומשולדיקע פאַרבייגייער. די גאַסן האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצולײדיקן פון מענטשן־געווימל, די פענצטער האָבן זיך פאַרמאַכט, די טויערן האָבן זיך פאַרהאַקט, די געוועלבער האָבן זיך גענומען שליסן איינס נאָכן אַנדערן. דער בלוטיקער טעראָר פון די צאַרישע סאָלדאַטן האָט זיך אָנגעהויבן. אויף די גאַסן האָבן גענומען ווילדעווען די פעסטע, הויכע, געזונטע „וואָלינצעס" אונטער דער אָנפירונג פון שיכורע אָפיצירן.

## די בלוטיקע אָרגיע

פיר אַ זייגער ביי טאָג האָבן די רעוויראָוועס באַפוילן די סטרוזשעס צו פאַרמאַכן די טויערן. גלייכצייטיק איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג פון וואַרשעווער אָבערפּאָליצמייסטער אַז אַלע רעסטאָראַנען, טעאַטערס און עפנטלעכע לאָקאַלן מוזן ווערן געשלאָסן ניין אַ זייגער אין אָוונט. אָבער ווער האָט אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן אָוונט באַזוכט אַן עפנטלעכן לאָקאַל? אַלע האָבן זיך פאַרמאַכט אין די הייזער און מיט צאַפּל און שרעק זיך צוגעהערט צו כסדרדיקע שיסערייען פון די „וואָלינצעס", צו די קרעכצן און געוואַלדן פון די געשלאָגענע און פאַרוואונדעטע.

די גאַסן זענען געוואָרן פוסט און אויסגעשטאָרבן. אָט האָט מען געזען לויפן אַ דערשראָקענעם מענטש, וועלכער האָט זיך געשלייכט ביי דער וואַנט און מיט אַ קלאַפנדיק האַרץ צוגעלאָפן צום טויער פון זיין הויז, קלינגענדיק האַסטיק אַז דער סטרוזש זאָל אים אַריינלאָזן. אויפן באַפעל פון די פאַטרולן האָט מען געמוזט פאַרמאַכן די פענצטער און אַראָפּלאָזן די ראָלעטן. איז ערגעץ אַ פענצטער געווען אָפן, האָבן די סאָלדאַטן אַריינגעשאָסן אין דער וואוינונג אַריין.

דאָס גאַנצע רוישיקע לעבן פון דער שטאָט איז מיט אַ מאָל געוואָרן אָפּגעשטאָרבן. אַרום איינס אַ זייגער ביי טאָג איז אַ קאָזאַקן־אָפּטיילונג אַריין אין די לאַזשענקעס, וואו ס'האָט זיך צוליב חגא געפונען אַ גרויסער עולם שפּאַצירנדיקע. די סאָלדאַטן האָבן אויף זייער ווילדן שטייגער גענומען יאָגן דעם עולם און אַרויסטרייבן די שפּאַצירנדיקע פון פּאַרק. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין אַלע שטאָטישע גערטנער און פּאַרקן, וועלכע זענען תיכף געשלאָסן געוואָרן. אויף די טראָטואַרן פון מאַרשאַלקאָווסקע, קרולעווסקע, גראַניטשנע זענען אַרומגעפלויגן די קאָזאַקישע פּאַטרולן און געטריבן און געשלאָגן דעם עולם שפּאַצירנדיקע.

די שטאָט איז אַריבער אין רשות פון וואָלינער פאָלק. דער ספּעציעלער מיליטערישער גובערנאַטאָר וואָינאַלאַרסקי האָט געהאַלטן פאַר די סאָלדאַטן אַ רעדע אין וועלכער ער האָט געזאָגט: „זייט וויסן, סאָלדאַטן, אַז יעדער וואַרשעווער איינוואוינער איז אייער שונא. ווען איר אים נישט שלאָגן, וועט ער אייך שלאָגן. קאַטעוועט אומברחמנותדיק, שלאָגט ווען איר וועט נאָר אָנטרעפן, קיין שום רחמנות זאָל נישט זיין! אויב איר וועט זיך אויפפירן ווי געהעריק וועט יעדער פון אייך באַקומען אַ באַלוינונג און אַן אויסצייכענונג".

ווי אַ ווילדע האָרדע האָבן זיך די סאָלדאַטן אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסן פון דער שטאָט. די פּאָליציייאישע פּאַטרולן זענען צוריקגעצויגן געוואָרן. וואַרשע איז איבערגעגאַנגען אין רשות פון מיליטערישן גובערנאַטאָר. מיט דער גאַנצער אַקציע פון דעם בלוטיקן טעראָר איבער דער שוצלאָזער באַפעלקערונג האָט אָבער פאַקטיש אָנגעפירט דער באַקאַנטער צאַרישער סאַטראַפּ, דער גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן.

אַ טויער האָט זיך געעפנט, אַ מענטש איז אַ פאַרסאָפּעטער אַריינגעלאָפן אין הויף אַריין. די איינוואוינער פון הויז האָבן אים אַרומגערינגלט. מ'האָט זיך געשושקעט, רעדן הויך איז געווען אַ מורא, די „וואָלינצעס" האָבן געקאָנט אויפברעכן דאָס טויער און אַלעמען אויסשיסן.

— פון וואַנען גייט איר? וואָס הערט זיך? — זענען געפאַלן פראַגעס פון אַלע זייטן.

— פון גזשיבאָוו, — דערציילט דער געקומענער און זיין געזיכט איז טויט בלאַס — קוים זיך אַדורכגעקריגן. ביי אַלע ראָגעס שטייען פּאַטרולן צו צען און פופצן מאַן. מ'שלאָגט, מ'שטעכט, מ'שיסט! כ'האָב אַליין געזען עטלעכע טויטע ליגן אין די רינשטאָקן. כ'ווייס אַליין נישט ווי אַזוי כ'האָב מיך דורכגעקריגן. טאַקע מיט אַ נס. כ'האָב געזאָגט אַז מיין פרוי גייט צו קינד און איך לויף נאָך אַן אַקושערקע — האָט מען מיך דורכגעלאָזט. פון דעסט וועגן האָב איך באַקומען עטלעכע קלעפּ מיטן „פּריקלאַד". פרעגט נישט ווי די פּלייצעס טוען מיר וויי! אָבער כ'האָב מיך אַדורכגעריסן דורך דער בראַנד!

אין אַ שטוב איז אַריינגעפאַלן גישט טויט נישט לעבעדיק אַ יונגער בחור. ער האָט שווער געאָטעמט און נישט געקאָנט רעדן. איין אויג איז געווען פאַרבלוטיקט און אונטערגעהאַקט. די שטובמענטשן זענען צו אים צוגעפאַלן, גענומען באַנדאַזשירן דאָס אויג און אָנגעהויבן אויספרעגן:

— דערצייל ווי אַזוי איז עס געשען? וואו איז עס פאָרגעקומען?

דאָס יינגל האָט שווער אָפּגעזיפצט, געקומען צו זיך און דערציילט:

— אין דער פרי בין איך דאָך, ווי יעדן טאָג, אַוועק צו דער אַרבעט. געהערט ס'איז אומרואיק, מ'שיסט, האָב איך געוואוסט אַז מ'וועט אין שטוב איבערקלערן און באַשלאָסן צו גיין אַהיים. כ'גיי אַראָפּ אויף דער גאַס — פּוסט, מ'זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש. אַ צאָן קלאַפּט מיר אָן אַ צאָן, אָבער איך גיי. נישט ווייט פון נאַוואָליפּקע טרעפט מיך אָן אַ פּאַטרול פון זעקס „וואָלינצעס" מיט אַן אָפיציר. זיי גייען צעוואָרפן איבער דער גאַס, דריי אויף איין טראָטואַר, דריי אויפן אַנדערן. איך זע שוין פון דער ווייטנס ווי זיי קוקן מיך אָן. טראַכט איך מיר: כ'וועל נעמען גיין צוריק. אָבער ווי נאָר איך דריי זיך אויס הער איך אַ ריטש פון אָפיציר: — „שטיין בלייבן!" איך בלייב שטיין און הענט און פיס ציטערן אונטער מיר. ווי נאָר דער אָפיציר האָט זיך דערנענטערט, האָט ער מיר דערלאַנגט אַזאַ הילכיקן פּאַטש אַז איך האָב דערזען פונקען פאַר די אויגן, און גלייך דערויף האָט מיר אַ זעלנער געגעבן אַ זעץ מיטן „פּריקלאַד" גלייך אין פּנים אַריין. איך האָב אָנגעהויבן צו וויינען און בעטן אַז מ'זאָל מיך מער ניט שלאָגן. דעמאָלט האָט דער אָפיציר אַ זאָג געטון צו מיר: — נו, אויף דיר האָב איך אַ ביסל רחמנות, אויף די אַנדערע וועל איך שוין קיין רחמנות נישט האָבן, נו, היידאַ, אַהיים! דערביי האָב איך באַקומען נאָך אַ זעץ מיטן „פּריקלאַד" אין דער פּלייצע אַריין. איך האָב מיך מורא געהאַט אָפּצושטעלן. איך בין שנעל ווייטער געלאָפן. ווען דער סטרוזש עפנט מיר נישט באַלד דאָס טויער, וואָלט איך געפאַלן אַ טויטער. אַ פּאַטרול האָט מיך דערזען פון דער ווייטנס און גענומען שיסן גלייך אויף מיר.

אַזעלכע דערציילונגען פון לעבן געבליבענע, לייכט פאַרוואונדעטע מענטשן האָט מען אין טאָג פון בלוטיקן מיטוואָך געקאָנט הערן הונדערטער מאָל. הונדערטער מענטשן האָבן שפּעטער דערציילט ווי אַזוי זיי זענען אויף אַ וואונדערלעכן אופן נצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

אָט דערציילט אַ געוויסער משה ערליך, אַ קעלנער:

כ'האָב געאַרבעט אויף נאַלעווקעס 37. הערנדיק וועגן די אומרוען אין גאַס בין איך אַוועק אַהיים. איך קום אויף קופּיעצקע־גאַס — די גאַס איז אויסגעשטאָרבן פּוסט. פון דער דזשיקע דערגייט צו מיר אַן אָפּקלאַנג פון אַ שיסעריי, כ'נעם גיין מיט שנעלע טריט. איך קום צו צום ראָג פון קופּיעצקע, ס'גייט פאַרביי אַ פּאַטרול און שיסט. זעט אויס אַז דער פּאַטרול באַמערקט מיך נישט, ווייל ער גייט ווייטער און שיסט אין דער לענג פון גאַס, אָט סתם אַזוי, אין דער וועלט אַריין.

איך קום אַריין אין שטוב אַ פאַרסאָפּעטער און קען קוים רעדן פון דער איבערגעלעבטער שרעק. אָבער מיין שרעק ווערט נאָך גרעסער ווען איך דערזע אין מיין זומערדיק קאַלאַטל, וואָס איך האָב געטראָגן, צוויי לעכער פון ביקסנקוילן! איך האָב אַליין נישט געפילט ווי די קוילן זענען לעבן מיר פאַרבייגעפלויגן און אַדורכגעלעכערט מיין מלבוש. אַ האָר האָט געפעלט, איך זאָל געהרגעט ווערן אויפן אָרט!

צעשראָקענע מיט בלאַסע פּנימער און אויפגעריסענע אויגן, לויפן אַדורך איינצלנע פאַרבייגייער די גאַס און הערן זיך צו מיט שוידער צו די ווילדע ריטשערייען פון די באַפאַלענע. מ'קוקט אַרויס דורך די שפּאַרעס פון די אַראָפּגעלאָזטע ראָלעטן און דאָס בלוט ווערט געפרוירן אין די אָדערן צוקוקנדיק זיך צו די גרוילעכע סצענעס, צו דער בלוטיקער אַרגיע, וועלכע עס פּראַווען די צאַרישע אָפיצירן און סאָלדאַטן איבער די גאַסן פון וואַרשע.

## פיר טויטע אויפן טראָטואַר

— ווי אַזוי וועלן מיר פאָרן אין אַזאַ טאָג? — האָט געזאָגט די כלה צום חתן.

— ס'איז דאָך אַ מורא דעם קאָפּ אַרויסצושטעקן! — האָבן דערקלערט דער כלהס עלטערן.

אָבער דער חתן האָט פאַרזיכערט אַז מען וועט נישט טשעפּען.

— וואָס הייסט, מיר מוזן דאָך גיין איינלייגן דעם נדן! — האָט ער געטענהט, — מיר זענען דאָך נישט קיין „באָיאָווצעס", מ'זאָל אונדז פאַרהאַלטן. מיר וועלן אַלע פיר נעמען אַ דראָזשקע. אין אַ דראָזשקע זענען מיר זיכער. מ'וועט דאָך אונדז נישט גיין אַראָפּשלעפּן פון דער דראָזשקע!

דאָס האָט איבערצייגט. אין אַ דראָזשקע איז מען דאָך טאַקע זיכער. חתן־כלה און דער כלהס עלטערן זענען אַראָפּ אויף דער גאַס. פּוסט! ס'פאָרט גראָד שנעל פאַרביי אַ דראָזשקע. דער חתן גיט אַ רוף. דער דראָזשקאַזש קווענקלט זיך:

— כ'וויים, אין אַזאַ טאָג? איר וועט געבן אַ קערבל*), וועל איך פאָרן!

— אַ קערבל? אַ גאַנץ קערבל?

— פאַר ווייניקער פאָר איך נישט, מ'שיסט דאָך אין די גאַסן! — ענטפערט דער דראָזשקאַזש.

דער כלהס עלטערן ווילן שוין צוריקגיין אין שטוב, אָבער דער חתן פאַרזיכערט ווייטער, מעשה אויטאָריטעט, אַז אין אַ דראָזשקע וועט מען נישט טשעפּען. „ס'איז דען הפקר אויף דער וועלט?" גיט ער צו.

מ'פאָרט, אַ געוויסע צייט זעט מען קיינעם נישט אויף דער גאַס. ס'גייט פאַרביי אַ פּאַטרול. ער לאָזט די דראָזשקע פריי דורכפאָרן. דער חתן טריומפירט: „נו, וואָס זאָגט איר איצט, ווער איז געווען גערעכט?"

מ'איז שוין באַלד ביי דזשעלנע. די דראָזשקע פאָרט אויף דזשיקע צו דער נאַוואָליפּקע צו. אויף דער גאַס לעבן די טראָטואַרן ליגן אויסגעלייגט טראַמוויי־שינעס. מ'גייט פאַרלייגן אויף דער גאַס אַ טראַמוויי־ליניע. ס'איז שטיל, מ'זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש. פּלוצלינג דערהערן זיך פעסטע שטיוולטריט. פון דער דזשעלנע קו־מען אַרויס אַ מאַן צען „וואָלינצעס" מיט אַן אָפיציר בראש. דער דראָזשקאַזש גיט אַ פעסטן שמיץ דאָס פערד, ער וויל אויסמיידן דעם פּאַטרול, אָבער אָט דערהערט זיך אַ געשריי וואָס הילכט אָפּ איבער דער פּוסטקייט פון דער גאַס:

— שטיין בלייבן!

די דראָזשקע שטעלט זיך אָפּ. די „וואָלינצעס" רינגלען זי אַרום, מ'שלעפּט אַרויס אַלע פיר פּאַסאַזשירן. דער חתן פּרוּווט עפּעס דערקלערן, דער אָפיציר גיט אים אָבער מיטן פוס אַזאַ פעסטן שטויס אין בויך, אַז ער פאַלט אום גלייך מיטן קאָפּ אויף די ליגנ־דיקע טראַמוויי־שינעס. די כלה און די מוטער הייבן אָן צו שרייען, דער פאָטער נעמט קושן די הענט פון אָפיציר.

— וואָס ווילט איר פון אונדז, מיר זענען דאָך אומשולדיקע מענטשן!

— דאַוואַט אים בראַטצי! (גיט אים, ברידערלעך!) — גיט דער אָפיציר אַ געשריי און רוקט זיך אָפּ אין אַ זייט.

אַ סאָלדאַט הייבט אויף די ביקס און גיט מיט דער זייט פון דער קאָלבע מיטן גאַנצן כוח אַ לאָז אַראָפּ איבער דער מוטערס קאָפּ. ס'דערהערט זיך אַ יאָמערלעך געשריי. דאָס שרייט די טאָכטער, די כלה. די מוטער האָט נישט באַוויזן שוין צו שרייען. דער פעסטער קלאַפּ פון דעם „וואָליניעץ" האָט זי מאָמענטאַל אַוועקגעלייגט אַ טויטע אויפן אָרט.

דער פאָטער פאַלט אַנידער צו דעם אָפיצירס פיס און בעט רחמים, וויינט מיט ביטערע טרערן:

— דערבאַרעם זיך איבער אונדז. ביזט דאָך אויך אַ מענטש, האָסט דאָך אויך אַ טאַטן און אַ מאַמען! וואָס טוסטו? געדענק אין גאָט!

דער ווילדער, שיכורער אָפיציר גיט ברוטאַל אַ קאָפּ אַוועק פון זיך דעם פאָטער. אַ „וואָליניעץ" לויפט צו צום אַלטן ייד און שטעכט אים אַדורך מיט דער ביקס. זעענדיק אַז ער לעבט נאָך, זעצט ער נאָך צוויי מאָל די שפּיז דעם אומגליקלעכן אין דער ברוסט אַריין.

אין דער זעלבער צייט האָבן עטלעכע אַנדערע סאָלדאַטן אָנגע־נומען חתן־כלה און געהאַקט מיט זייערע קעפּ אָן די דיקע שינעס. זיי האָבן אַזוי לאַנג געקלאַפּט מיט די קעפּ פון די אומגליקלעכע אָן די קאַנטן פון די שינעס, ביז חתן־כלה האָבן אויסגעהויכט די נשמות.

*) אַ רובל.

אויפן טראָטואַר לעבן דזשיקע 12, קעגן איבער דער דזשעלנע, זענען געבליבן ליגן פיר טויטע קערפּערס. מיט צען מינוט צוריק זענען נאָך די מענטשן געפאָרן אין דער דראָזשקע און איצט זענען זיי געלעגן צעשטאָכענע און צעהאַקטע.

דער פּאַטרול איז ווייטער רואיק געגאַנגען, ווי ס'וואָלט גאָר־נישט פאָרגעקומען. דעם דראָזשקאַזש האָבן זיי באַלד פון אָנהייב געגעבן עטלעכע געזונטע קלעפּ און געהייסן אָפּפאָרן. די מענטשן וועלכע האָבן פון די פענצטער דורך די שפּאַרעס פון די אַראָפּגע־לאָזטע ראָלעטן צוגעזען די דאָזיקע סצענע זענען מיט פאַרקרימטע געזיכטער אָפּגעשפּרונגען פון פענצטער. אַ סך האָבן אין די דאָזיקע וואוינונגען געחלשט און ספּאַזמירט.

די פיר טויטע קערפּערס פון מאַן און ווייב און חתן־כלה זענען געלעגן אויף דער גאַס. קיינער האָט זיי נישט צוגעדעקט, קיינער האָט זיי דערווייל נישט צוגענומען.

## דער טויט פון צוויי ברידער

אין וואַרשטאַט פון שניידער זשיטאָ האָבן די אַרבעטער געענ־דיקט די אַרבעט. מ'האָט אַפילו מורא געהאַט אַהיימצוגיין, דער בעל־הבית האָט געעצהט איבערצונעכטיקן אין וואַרשטאַט, אָבער אין דער היים וועט מען דאָך איבערקלערן, מ'וועט דאָך ממש פון זינען אַראָפּ. גראָד ווייל ס'איז אַזוי אומרואיק אין גאַס — ווילן די אַר־בעטער וואָס שנעלער אַהיימגיין כדי צו באַרואיקן זייערע משפחות, וועלכע שטייען, אודאי, ביים פענצטער און קוקן אויס, וואַרטן אָפּ מיט שרעק די מענער, די זין, די ברידער.

— פאַרפאַלן, מיר מוזן גיין אַהיים! — דערקלערן די אַר־בעטער.

צוויי ברידער האָבן געאַרבעט אין דעם דאָזיקן וואַרשטאַט, משה און אַביש ווייספאָגעל, דער ערשטער — 23 יאָר אַלט, דער צווייטער — 29 יאָר. זיי זענען ביידע אַראָפּ אויף דער גאַס. שטיל. פון צייט צו צייט לויפט פאַרביי אַ דערשראָקענער פאַרבייגייער, וועלכער רופט אויס מיט אַ וואָרנענדיקער שטים:

— גייט נישט דורך דער קאַרמעליצקע, ווייל מ'שלאָגט דאָרט מכות רצח!

משה און אַביש פאַרקירעווען אין פשעיאַזד אַריין, קומען אַרויס אויף נאַוואָליפּקע, גייען אַריין אין דער דזשיקע. אויפן גאַנצן וועג האָבן זיי אָנגעטראָפן צוויי פּאַטרולן, וועלכע האָבן בלויז געגעבן עטלעכע קלעפּ מיט די קאָלבעס און געהייסן גיין אַהיים.

— נו, מיר זענען שוין אויף דזשיקע, מער קיין בייז וועט שוין נישט געשען! — באַמערקט איינער פון די ברידער.

זיי גייען ווייטער. די קניען בייגן זיך פאַר אויפרעגונג און שרעק. זיי ווילן וואָס שנעלער צוקומען צום טויער פון זייער וואוי־נונגסאָרט. „מ'זאָל נאָר ווידער נישט אָנטרעפן קיין פּאַטרול. ווער ווייסט וואָס עס קאָן אַלץ געשען!" טראַכטן ביידע ברידער.

— זעסט, אַביש, ס'גייט שוין ווידער אַ פּאַטרול! — זאָגט דער יינגערער ברידער, — אפשר זאָלן מיר צוריקגיין און אַריין אין דער דזשעלנע?

— וואָס רעדסטו? זיי קאָנען אונדז נאָכשיסן! — ענטפערט אַביש.

ביידע גייען איצט מיט פּאַמעלעכע טריט. מ'שאַרט זיך כמעט ביי דער וואַנט. מ'בעט אַז די סאָלדאַטן זאָלן אויף אַ מינוט ווערן בלינד און נישט באַמערקן די צוויי ברידער. די הענט און די פיס ציטערן, די אויגן פילן זיך אָן מיט שרעק. ביים נומער 18 אויף דזשיקע באַגעגענען זיי זיך פּנים אל פּנים מיטן פּאַטרול.

— קודי, סוואָלאָטשי? (וואוהין, אויסוואורפן?) — פרעגט דער אָפיציר מיט רוגזה.

— מיר גייען פון וואַרשטאַט... אַהיים... — שטאַמלט דער עלטערער ברודער.

אין דער זעלבער רגע דערלאַנגט אים אַ סאָלדאַט מיט דער ביקסנשפּיז גלייך אין האַלדז אַריין, אָבער מיט אַזאַ קראַפט אַז דער שפּיז קריכט אַרויס פון דער אַנדערער זייט. אַ שטראָם בלוט גיט זיך אַ שפּריץ אויפן טראָטואַר. אַביש פאַלט אַנידער מיט אַ קרעכץ און זיינע אויגן ווערן מאָדנע פאַרגליווערט... דער ייִנגערער ברודער הייבט אָן יאָמערלעך צו וויינען. פאַלט אַנידער אויפן ברודערס קערפּער און נעמט אים האַלדזן און קושן. אַ „וואָליניעץ" שליידערט אים מיטן שטיוול אַוועק פון פאַרבלוטיקטן קערפּער, דער אַנדערער הייבט אויף די ביקס און נעמט האַקן איבערן קאָפּ פון וויינענדיקן משה. די גאַס ציטערט אויף פון די אימהדיקע, גרוילעכע געשרייען פון דעם בחור. דער „וואָליניעץ" קלאַפּט כסדר מיט דער ביקס איבער דעם בחורס קאָפּ. די געשרייען ווערן ביסלעכווייז שוואַכער. ס'הערן זיך בלויז כאָרכלענדיקע קרעכצן. דער אָפיציר, מיט אַ פאַרשיכורט פּנים און רויטער נאָז, קוקט זיך צו צו דעם פאַרבלוטיקטן קאָפּ פון דעם יונגן־מאַן.

— פּריקאַנטשיט יעוואָ! (דערשלאָגט אים צום טויט) — האָט דער אָפיציר געגעבן אַ באַפעל.

די „וואָלינצעס" זענען נאָך אַ מאָל צוגעגאַנגען צום ייִנגערן ברודער און אים אַריינגעשטאָכן עטלעכע שפּיזן אין האַרץ אַריין. דאָס זעלבע האָבן זיי געטון מיטן עלטערן ברודער, אַביש, וועלכער איז שוין געהאַט געווען טויט.

ווען דער שניידער זשיטאָ איז צו מאָרגנס געקומען אין פּראָזעקטאָריום, האָט ער דאָרטן געטראָפן, חוץ די צוויי טויטע קערפּערס פון משה און אַביש, נאָך צוויי טויטע קערפּערס פון אַרבעטער פון זיין וואַרשטאַט.

פיר טויטע פון איין וואַרשטאַט.

## דער בלוטיקער געוועט

אין אַ וואוינונג אויף דער מילע־גאַס איז געגאַנגען אַ געוועט. אַ יונגער־מאַן האָט דערקלערט:

— איך נעם מיך איצט אונטער צו פאָרן אין אַ דראָזשקע אויפן שטח פון מילע, דזשיקע, וואָלינסקע, ניי־קאַרמעליצקע און צוריק אויף דער מילע, ווער לייגט איין געלט אַז מ'וועט מיך נישט טשעפּען?

— זיי נישט קיין כוואַט, מ'קאָן דיך גאַנץ שיין משלח זיין אויף יענער וועלט! — האָבן אים חברים דערקלערט.

אָבער דער יונגער־מאַן האָט פאַרזיכערט:

— מ'קאָן מיר גאָרנישט טון אַז איך פאָר איינער אַליין אין אַ דראָזשקע. מ'וועט צוקומען, וועל איך זאָגן אַז איך פאָר פון דער באַן און כ'ווייס פון גאָרנישט וואָס אין שטאָט קומט פאָר.

— דו ביזט זיכער אַז מ'וועט דיך נישט טשעפּען? — האָט מען דעם „זיכערן" נאָך אַ מאָל געפרעגט.

— שוין איין מאָל זיכער! אדרבא לייגט איין געלט.

מ'האָט זיך געוועט. מ'האָט איינגעלייגט צען רובל. אויב דער יונגער־מאַן מאַכט דורך די נסיעה אויף דעם דאָזיקן, אגב, קורצן שטח און קומט צוריק בשלום, באַקומט ער די צען רובל. פון דעסטוועגן האָט מען אים באַדויערט און געקוקט מיט פאַרוואונדערונג אויף דעם מענטש וועלכער איז גרייט צו מאַכן אַזאַ געוועט. „נאָר אויב דער יונגער־מאַן איז אַזוי זיכער, מן־הסתם מוז ער דאָך האָבן אַ סיבה דערצו."

דער יונגער־מאַן האָט זיך פיין אויסגעפּוצט, כדי צו מאַכן דעם איינדרוק פון אַ רייכן פּראַנט. ער איז אַראָפּ אויפן הויף, געבעטן דעם סטרוזש, ער זאָל אים עפענען דאָס טויער.

— גאָט איז מיט אייך, וואו גייט איר איצט? — האָט דער סטרוזש אויסגעגלאָצט אויף אים אַ פּאָר אויגן, — מ'וועט אייך דערשיסן!

— האָט נישט קיין מורא, דער טייוול איז נישט אַזוי שרעקלעך ווי מען מאָלט אים! — האָט זיך דער יונגער־מאַן געוויצלט און אַרויס אויף דער גאַס.

ס'איז שוין געווען גוט טונקל. דער יונגער־מאַן איז אַ ווייל געשטאַנען ביים טויער, וואַרטנדיק אפשר וועט פאַרבייפאָרן אַ דראָזשקע. גיין צו פוס אַ שטיקל וועג האָט ער פאָרט נישט געוואָלט איינשטעלן ער איז געשטאַנען און געוואַרט אַזוי צען מינוט.

די גאַס האָט אויסגעזען ווי אַ בית־עולם, פּוסט און אומהיימלעך. די גאַז־לאַמטערנעס האָבן געוואָרפן אַ ווייס־געלן אָפּשיין אויף דעם ליידיקן טראָטואַר. דער יונגער־מאַן האָט אַרויסגענומען דעם זייגער. ס'איז געווען פופצן מינוט נאָך אַכט. „ווי לעבעדיק, ווי רוישיק ס'איז תמיד אין דער איצטיקער צייט אויף דער מילע־גאַס! — האָט ער געטראַכט.

פון דער ווייטנס האָט זיך דערהערט דאָס ראַשיקע קלאַפּן פון רעדער איבער דעם שטיינערנעם ברוק. דער יונגער־מאַן האָט זיך גוט איינגעקוקט: „יאָ, ס'איז אַ דראָזשקע! ווען די דראָזשקע איז פאַרבייגעפאָרן, האָט דער יונגער־מאַן אַ רוף געטון:

— העי, דראָזשקע!

— וואוהין? — האָט דער דראָזשקאַזש געפרעגט, — ווייט האָב איך מורא צו פאָרן.

— נישט ווייט, אַרום און אַרום אַ שטיקל וועג, — האָט דער יונגער־מאַן אויפגעגעבן דעם דראָזשקאַזש דעם מאַרשרוט.

— אַן איינפאַל! — האָט דער דראָזשקאַזש געהויבן מיט די אַקסלען, — פון מיינעט וועגן פאָרט. ס'קאָסט אָבער אַ קערבל.

— זאָל זיין אַ קערבל, איך וועל פאַרדינען מער! — האָט דער יונגער־מאַן לעבעדיק אַ זאָג געטון, איינשטייגנדיק אין דער דראָזשקע.

די דראָזשקע האָט פון דער מילע פאַרקירעוועט אין דער דזשיקע און דערנאָך איז זי אַריינגעפאָרן אין וואָלינסקע. אָבער באַלד ביים טויער נומער צוויי איז די דראָזשקע פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ פּאַטרול פון זעקס „וואָלינצעס" מיט אַן אָפיציר.

— וועמען פירסטו דאָס? בלייב שטיין, סוקין סין! (הינטישער זון) — האָט דער אָפיציר אַ געשריי געטון צום דראָזשקאַזש, וועלכער האָט מאָמענטאַל איינגעהאַלטן דאָס פערד.

די „וואָלינצעס" זענען צוגעלאָפן צו דער דראָזשקע און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן דעם יונגן־מאַן, וועלכער איז געווען שטאַרק בלאַס און דערשראָקן. ער האָט געפּרואווט רעדן:

— איך פאָר פון דעם ווינער באַנהויף, וואָס ווילט איר פון מיר? וואָס קומט פאָר אין שטאָט? איך ווייס דאָך פון גאָרנישט!

— גיט אים נאָר צו פאַרשטיין, וועט ער שוין וויסן! — האָט דער אָפיציר אַ זאָג געטון צו די סאָלדאַטן.

— וואָס ווילט איר פון מיר? — האָט דער יונגער־מאַן גענומען שרייען, — געוואַלד, געוואַלד, וואָס טוט איר? איך... איך... פאָר דאָך פון...

אָבער ער האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן דעם זאַץ. די „וואָלינצעס" האָבן אים מיט אַ ווילדער סראַפּט אַנידערגעשליידערט אויף דר'ערד און, אַראָפּלאָזנדיק די ביקסן, אַריינגעשטאָכן אין זיין ברוסט זעקס שפּיזן. אָפּטוענדיק די דאָזיקע בלוטיקע „אַרבעט" זענען די סאָלדאַטן אַוועק ווייטער.

דער יונגער־מאַן האָט זיך גענומען קאָרטשען און צאַפּלען, אַרום אים האָט זיך תיכף געבילדעט אַ קאַלוזשע בלוט. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט די לעצטע כוחות, אויפגעהויבן זיך, אָנגעשפּאַרט זיך אין דער וואַנט און מיט איבערמענטשלעכע כוחות אַ צי געטון ביים גלאָק פון טויער. דאָס האָט ער גערופן הילף, פילנדיק אַז ער גייט אָפּ אין בלוט.

דער פּאַטרול איז שוין געווען ביים עק פון דער וואָלינסקע און דזשיקע. דער אָפיציר האָט זיך אומגעדרייט און דערזען ווי דער געשטאָכענער האָט זיך אויפגעהויבן.

— ער לעבט דאָך נאָך! — האָט ער אַ געשריי געטון צו די סאָלדאַטן.

די „וואָלינצעס" זענען שנעל צוגעלאָפן צום פאַרוואונדעטן יונגן־מאַן, און, ווי זיי וואָלטן בייז געווען וואָס זייער קרבן לעבט נאָך, האָבן זיי גענומען אויף אים טרעטן מיט די זעלנערישע שטיוול, און טרעטנדיק אַזוי האָבן זיי דעם אומגליקלעכן נאָך עטלעכע מאָל אַריינגעשטאָכן די שפּיז אין דער ברוסט.

— איצט וועט ער שוין קיין פּיפּס נישט טון! — האָבן זיי געמאָלדן דעם אָפיציר, אָפּווישנדיק די פאַרבלוטיקטע שפּיזן מיט רויטע פאַטשיילעס.

— פּרעקראַסנאַ! (זייער גוט) — האָט דער אָפיציר געענטפערט און ער איז ווייטער אַוועק זוכן נייע קרבנות פאַר זיין בלוטיקער תאוה.

דער יונגער־מאַן האָט נאָך געלעבט. אַן אַנדערער וואָלט תיכף אויסגעהויכט די נשמה. דער דאָזיקער איז אָבער אַ קרעפּטיקער און געזונטער און האָט זיך מיט די לעצטע כוחות געקלאַמערט אָן לעבן. ער האָט זיך ווידער געפּרוווט אויפשטעלן, כדי נאָך אַ מאָל אָנצורופן, אָבער די כוחות האָבן אים שוין פוסשטענדיק פאַרלאָזט. ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין.

צו דער דאָזיקער בלוטיקער סצענע האָט זיך צוגעקוקט דורך דער שפּאַרע פון דער אַראָפּגעלאָזטער ראָלעט אַן איינוואוינער פון וואָלינסקע 2, וועלכער האָט געוואוינט אין פראָנט אויפן ערשטן שטאָק. זעענדיק אַז דער פּאַטרול איז שוין אַוועק, איז ער אַראָפּ צום סטרוזש און געהייסן עפענען דאָס טויער. מיט דער הילף פון נאָך עטלעכע איינוואוינער האָט מען דעם שטערבלעך פאַרוואונדעטן יונגן־מאַן אַריינגעטראָגן אין הויף אַריין און אַרויפגעלייגט אויף אַ קאַסטן אין וועלכן מ'פלעגט האַלטן אייז. מ'האָט זיך גענומען ווי עס איז ראַטעווען דעם יונגן־מאַן. איינער פון די איינוואוינער פון הויף האָט פּשוט איינגעשטעלט דאָס לעבן לויפנדיק אין דער נאָענטער אַפּטייק, וועלכע געפינט זיך אין ראָג. ס'איז אַריבערגעקומען דער אַפּטייקער אַליין מיט פאַרשיידענע הילפסמיטלען.

מאָדנע שוידערלעך האָט אויסגעזען די סצענע אין דעם פירקאַנטיקן קליינעם הויף ביי נאַכט. אַרום זענען געווען פאַרזאַמלט כמעט אַלע איינוואוינער פון הויף. מ'האָט געמוזט אויסמיידן דעם מינדסטן גערויש, רעדן שושקענדיק זיך, ווייל אַנדערש וואָלטן די פאַרבייגייענדיקע פּאַטרולן אַריינגעשאָסן אין הויף אַריין. דער אַפּטייקער און נאָך עטלעכע לאָקאַטאָרן האָבן זיך געפּאָרעט ביי דעם פאַרוואונדעטן. אַ ליכט האָט באַלויכטן זיין אָפּשטאַרבנדיק געזיכט. דער ברוסטקאַסטן איז געווען צעשטאָכן ווי אַ זיפּ. ער האָט געכאָרכלט, קוים אַרויסגערעדט עטלעכע ווערטער. פרויען האָבן זיך געווישט די טרערן פון די אויגן. אַלע אַרום האָבן זיך צוגעקוקט מיט שוידער צו דעם גוססדיקן קרבן פון דעם בלוטיקן טאָג. אַרום צוועלף ביי נאַכט איז דער יונגער־מאַן געשטאָרבן.

מורא האָבנדיק פאַר געוויסע פאָלגן מצד דער מאַכט, האָט מען דעם טויטן קערפּער אַרויסגעלייגט פאַרן טויער אויף דער גאַס און צוריק דאָס טויער פאַרשלאָסן.

## „נישט מער ווי איין שטאָך"

דער 23יאָריקער קעלנער יוסף פרידלאַנד האָט געאַרבעט אין רעסטאָראַן אויפן פּאָדוואַל. מיט צוויי טעג פריער איז ער געקומען פון טשעכאָטשינעק צו זיין כלה און באַלד באַקומען דעם פּאָסטן. ער איז געווען גליקלעך און צופרידן. אין גיכן האָט געדאַרפט פאָרקומען זיין חתונה, צו וועלכער ער האָט זיך שוין געגרייט. וויסנדיק אַז אין גאַס איז אומרואיק, אַז מען שלאָגט און מען שעכט, האָט ער גענומען אַ דראָזשקע. ווען די דראָזשקע איז צוגעקומען אויף דער פּאַוויע, לעבן טויער נומער 32, איז זי אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך אַ קאָמיסאַר און צוויי „וואָלינצעס", וועלכע האָבן פרידלאַנדן אַרויסגעשלעפּט פון דער דראָזשקע.

— איך בין אַ קעלנער, איך גיי פון דער אַרבעט, לאָזט מיך אָפּ! — האָט ער זיך געבעטן ביי די תלינים.

דער קאָמיסאַר, טויט־שיכור, האַלטנדיק זיך קוים אויף די פיס, האָט זיך הויך צעלאַכט:

— מיר וועלן דיך אָפּלאָזן, אָפּלאָזן — כאַ־כאַ־כאַ — אָבער פריער וועסטו באַקומען איין קלאַפּ, נישט מער ווי איין שטאָך! נו, סאָלדאַטיקי, איין שטאָך גיט אים, נישט מער, זאָל ער געדענקען!

דער „וואָליניעץ" האָט זיך פאַרמאָסטן מיט דער ביקסנשפּיז און אַ זעץ געטון דעם אומגליקלעכן גלייך אין האַרצן אַריין. פרידלאַנד איז אַנידערגעפאַלן באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. ווען דער פּאַטרול איז אַוועק האָט זיך דער געשטאָכענער צוגעשלעפּט האַרט ביז צום טויער, אָבער דאָ האָט ער אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם. די איינוואוינער פון הויף, וועלכע זענען אים געלאָפן ראַטעווען, האָבן אים שוין דערווישט אַ טויטן.

די לויה פון דאָזיקן קרבן איז געווען אַ גראַנדיעזע. אויפן בית־עולם איז פאָרגעקומען אַ פּאַקט וועלכער האָט אַלעמען טיף דערשיטערט. בעת מ'האָט דעם טויטן קערפּער אַראָפּגעלאָזט אין קבר, איז די כלה פון פאַרשטאָרבענעם פּלוצלינג משוגע געוואָרן און אָנגעהויבן ווילד צו לאַכן און צו טאַנצן. צוקוקנדיק זיך צו דער דאָזיקער ווילד־לאַכנדיקער און טאַנצנדיקער פרוי ביים אָפענעם קבר פון איר חתן, איז ביי יעדן ממש דאָס בלוט פאַרגליווערט געוואָרן אין די אָדערן!

## פאַרוואונדעט אויף דעם טויטן קערפּער פון אייגענעם ברודער

ס'איז געווען אַכט אַ זייגער אין אָוונט. לעבן טויער פון פּאַוויע 64 איז געלעגן אַ שווער־פאַרוואונדעטער דער דרייסיקיאָריקער יוסף הימלשטיין, וועלכער האָט באַקומען אַ קויל אין האַלדז. ער איז צוגעקומען צום טויער, שוין געוואָלט אָנקלינגען, האָט אים פּלוצלינג געטראָפן אַ קויל וואָס אַ „וואָליניעץ" האָט פון דער ווייטנס אויסגעשאָסן. אין הויף האָט מען געגעבן צו וויסן דער משפּחה אַז זייער זון ליגט אַ פאַרוואונדעטער לעבן טויער. דער עלטער איז אַראָפּגעלאָפן דער 28יאָריקער ברודער פון פאַרוואונדעטן, ירחמיאל. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן ברודער און, פאַרברעכנדיק די הענט, געפרעגט:

— יוסף, יוסף, ברודער טייערער! ווי צו מיר, זאָג, וואו ביזטו פאַרוואונדעט?

דער פאַרוואונדעטער האָט שוין געגוסט. זיין אָפענער, פאַרגליווערטער בליק האָט שטום אָנגעקוקט דעם ברודער, ווי ער וואָלט געמאַכט אַ פאַרענטפערונג פאַר דאָס שוידערלעכע וואָס איז געשען, ווי דער בליק וואָלט געזאָגט: „זע, ברודער, געגאַנגען אויף דער גאַס און אומגעקומען פון אַ קויל"!

דער ברודער איז אַרויפגעפאַלן אויפן קערפּער פון אָפּשטאַרבנדיקן און שטאַרק גענומען כליפּען. אָבער אין דער זעלבער מינוט האָט זיך דערהערט אַ קנאַל, און אַ קויל האָט געטראָפן אין קאָפּ פון וויינענדיקן. ער איז אַנידערגעפאַלן, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט, לעבן דעם טויטן קערפּער פון זיין ברודער. ווען די משפּחה איז אַראָפּגעלאָפן, האָט זי לעבן טויער שוין געטראָפן צוויי קרבנות. איין קרבן האָט שוין נישט אַרויסגעוויזן קיין סימנים פון לעבן, דער צווייטער קרבן איז געווען שווער פאַרוואונדעט.

## דאָס מיידל וואָס שמייכלט צום הימל

האַלב דריי ביי טאָג, די טויערן זענען נאָך געווען אָפן, די באַוועגונג אין גאַס נאָך אַ נישקשהדיקע, מ'האָט זיך נאָך נישט געריכט אויף דעם שרעקלעכן בלוטבאָד וואָס דאָס מיליטער האָט צוגעגרייט. דער טאָג איז געווען אַ שיינער, די זון האָט העל געלויכטן — איז זיך די 19יאָריקע חיה־לאה גוטמאַן געזעסן אויף אַ באַלקאָן פון הויז אויף מוראַנאָווסקע 30 און געשמייכלט צו דער זון, צום בלויען הימל, צום שיינעם טאָג...

אויף דער גאַס איז געוואָרן אַ געלויפעריי, מענטשן זענען אַריין

אין די טויערן, דאָס יונגע מיידל האָט געזען ווי זעלנער שלאָגן אי־בער די קעפּ פון אומשולדיקע מענטשן, ווי מענטשן טרעטן איינע אויף די אַנדערע, וועלנדיק זיך אויסבאַהאַלטן אין די טויערן, און זי האָט אַריינגעשריגן צו די שטובמענטשן:

— זעטס נאָר וואָס ס'טוט זיך אויף דער גאַס! מ'שלאָגט און מ'הרגעט! קומטס נאָר אַהער און גיטס אַ קוק!

די מוטער, פאַרפילנדיק אַן אומגליק, האָט אַ געשריי געטון:

— חיה־לאה, שטיי נישט אויפן באַלקאָן, קום אַריין!

ס'האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי. חיה־לאה, דאָס 19יאָריקע מיידל, וואָס האָט מיט אַ מינוט פריער געשמייכלט צו דעם שיינעם זומערטאָג, האָט שוין מער נישט געענטפערט.

— חיה־לאה, פאַר וואָס גייסטו נישט אַריין אין שטוב? מ'שיסט דאָך! — האָט די מוטער ווידער גענומען שרייען.

און זעענדיק אַז איר טאָכטער ענטפערט נישט, איז די מוטער אַרויסגעלאָפן נישט טויט נישט לעבעדיק אויפן באַלקאָן. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן ספּאַזמאַטישן געשריי. לעבן איר איז געלעגן אויסגעצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון באַלקאָן די 19יאָריקע טאָכטער אירע, מיט אַ דורכגעשאָסענעם שאַרבן. פון באַלקאָן האָבן אַראָפּגעטריפט אויף דער גאַס טראָפּנס בלוט...

זעענדיק דאָס יונגע, שיינע מיידל אויפן באַלקאָן האָט אַ ווילדער „וואָליניעץ" זיך געצילט צו איר און איר אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. ער האָט איר נישט געקאָנט פאַרגינען וואָס זי האָט אַזוי גליקלעך געשמייכלט צו דעם ליכטיקן זומערטאָג...

## „ווער ווייסט וואָס מיט מיין קינד איז געשען?"

— מיין טייער קינד, — האָט געזאָגט די אלמנה ראַדעצקי צו איר איינציקן דרייצניאָריקן זון, נאָטע — כ'פיל מיך זייער שלעכט, גיי אַראָפּ אין אַפּטייק און קויף מיר אַ פּראָשעק צו קאָפּווייטיק. אָבער זיי פאַרזיכטיק, מיין זון, מ'זאָגט אַז אין גאַס איז עפּעס אומ־רואיק.

— האָב נישט מורא, מאַמעשי, — ענטפערט דאָס דרייצניאָ־ריקע יינגל, — די אַפּטייק איז דאָך נישט ווייט, סך־הכל עטלעכע טויערן, איך קום באַלד צוריק.

— הערסט, נאָטעלע, קום באַלד צוריק, ווייל כ'וועל איבער־קלערן! — שרייט די מוטער נאָך און גיט אַ קרעכץ — דער קאָפּ טוט איר שרעקלעך וויי.

ס'איז דריי דער זייגער, די מוטער זעצט זיך אַוועק ביים פענצ־טער וואָס גייט אַרויס אויפן הויף. דאָ זעט זי גאָרנישט וואָס עס קומט פאָר אויף דער גאַס. אוי, דער קאָפּ טוט וויי! — האַלט זי זיך די שלייפן ביים קאָפּ.

— גאָט מיין גאָט! וואו איז נאָטעלע? דער זייגער איז דאָך שוין האַלב פיר! האַלב פיר! — חזרט זי איבער הויך אויפן קול. — אַזוי לאַנג דאַרף דאָך נישט געדויערן! ווער ווייסט וואָס מיט מיין קינד איז געשען?

זי כאַפּט שנעל אויף זיך אַ טיכל, שליסט צו די טיר און לויפט אַראָפּ. דאָס טויער איז שוין צו. דער סטרוזש וויל זי נישט אַרויס־לאָזן. — וואו גייט איר? מ'שיסט דאָך אין גאַס! — דערקלערט ער.

— וויי צו מיר, וואו איז מיין זון! — גיט זי אַ פּאַטש מיט די הענט און לאָזט אַרויס אַ ספּאַזמאַטישן געשריי, — לאָזט מיך אַרויס אויף דער גאַס זען וואו מיין קינד איז!

דער סטרוזש עפנט איר דאָס טויער. זי לויפט ווי אַ משוגענע אַרויס אויף דער גאַס. די גאַסן זענען שוין כמעט פוסט. די אומ־גליקלעכע לויפט מיט צעשויבערטע האָר, דאָס טיכל פלאַטערט אויף אירע אַקסלען. זי שטעלט אָפּ אַ פאַרבייגייער וואָס איילט זיך שנעל אַהיים.

— האָט איר נישט געזען דאָ אַ יינגעלע... אַ יינגעלע אין גראַנאַט־הייזעלעך? — פרעגט די מוטער מיט אַ צעשראָקענעם, ווילדן בליק.

— אַ יינגל?... גייט דאָרטן... — ווייזט אָן דער פאַרביי־גייער און אַנטלויפט שנעל, אומקוקנדיק זיך מיט שרעק. ער וויל נישט זיין דער אָנזאָגער פון אַ שלעכטער בשורה...

די אומגליקלעכע מוטער לויפט ווייטער. דער קאָפּ טוט איר שוין מער נישט וויי, ניין, נאָר דאָס האַרץ קלאַפּט מיט אַ מוראדי־קער שנעלקייט און אין מוח מישט זיך און ריזיקע רייפן דרייען זיך פאַר די אויגן. זי פאַלט שיר נישט אום, די קניען בייגן זיך אונטער איר.

אָט איז זי נישט ווייט פון אַפּטייק, עפּעס ליגט דאָרט! „וואָס ליגט דאָרט?!" — גיט עס איר אַ מעכטיקן זעץ אין האַרץ. זי לויפט צו, גיט אַ שרעקלעך געשריי און פאַלט אַרויף אויפן קערפּער פון איר קינד. אין דער פוסטער גאַס הערט זיך דאָס אימהדיקע, יאָ־מערלעכע געשריי פון דער משוגע געוואָרענער מוטער איבערן טויטן קערפּער פון איר איינציקן דרייצניאָריקן זון.

נאָטע ראַדעצקי איז האַרט לעבן דער אַפּטייק באַגעגנט געוואָרן דורך עטלעכע „וואָלינצעס", זיי האָבן דעם יינגל אַריינגעשטאָכן עטלעכע שפּיזן אין בויך, איצט ליגט ער אין אַ קאַלוזשע בלוט מיט אַרויסגעפאַלענע געדערים...

און איבער דער גאַנצער לענג פון דער פוסטער גאַס הילכט אָפּ דאָס מוראדיקע געשריי פון דער משוגע געוואָרענער מאַמע.

## ווייטערדיקע רציחות

און אַזוי איז עס געגאַנגען בסדר. אַ לאַנגע רשימה פון דערהר־געטע, צעקאַליעטשעטע, דערשאָסענע, געשטאָכענע. ס'האָבן נישט געהאָלפן קיין שום תחנונים, קיין שום רחמים־געבעטן, קיין שום גע־וויינען. די צעווילדעוועטע „וואָלינצעס" אונטער דער אָנפירונג פון שיכורע אָפיצירן האָבן געהרגעט, געשאָסן, געקאַטעוועט, געפּייניקט די קרבנות אין די לעצטע גסיסה־מינוטן, אַראָפּגעריסן פינגערלעך צוזאַמען מיט די פינגער, אַראָפּגעריסן אוירינגלעך צוזאַמען מיט די אויערן־לעפּעלעך, צוגערויבט זייגערלעך, געלט, צירונג, צעריסן קליידער, אָט סתם אַזוי, צוליב דעם חשק צו פאַרניכטן, צו צע־שטערן.

דער 16יאָריקער יחזקאל אַבערמאַן איז געגאַנ־גען אויף פראַנציסקאַנער־גאַס. זיין שוועסטער איז אַוועקגעפאַלן, איז ער געלאָפן נאָך אַ דאָקטאָר. אַ פּאַטרול פון דריי „וואָלינצעס" האָט אים דערזען פון דער ווייטנס. איינער פון די סאָלדאַטן האָט זיך אָנ־געבויגן, געצילט גלייך אין אַבערמאַנען. ווי דאָס זעכצניאָריקע יינגל וואָלט געווען דער געפערלעכסטער שונא, און אויסגעשאָסן. גלאַט אַזוי, אָן שום וואָרענונג, אָן שום טענה. ס'גייען מענטשן — דאַרף מען אין זיי שיסן!

פאַר דעם יינגל איז דער שאָס געווען אומדערוואַרט. ער האָט אפילו נישט געוואוסט פון וואַנען דער שאָס איז געקומען. ער איז אומגעפאַלן. די קויל האָט אים געטראָפן אין בויך. ר'איז לאַנג גע־לעגן אויף דער גאַס, ביז די קאַרעטע פון דער פּאָגאָטאָוויע האָט אים צוגענומען. דאָס יינגעלע האָט נאָך באַוויזן צו פרעגן דעם דאָקטאָר:

— פאַר וואָס האָט מען מיך געשאָסן?

דער דאָקטאָר האָט געשוויגן. וואָס האָט ער געקענט דערויף ענטפערן? ווען מ'האָט דאָס יינגל אַרויפגעטראָגן אין אָפּעראַציע־זאַל, איז ער געשטאָרבן.

אין דער היים האָט אַבערמאַנס שוועסטער לאַנג געוואַרט אויף אַ דאָקטאָר...

חוה מערענשטיין, אַ פרוי פון 56 יאָר, איז געזעסן אין הויף פון וואָלינסקע 7. זי איז געווען זיכער אַז מיט איר וועט גאָרנישט געשען. זי זיצט דאָך אין הויף, דאָס טויער איז פאַרמאַכט. זי האָט זיך אַרויסגענומען אַ שטול און זיך אַוועקגעזעצט אויפן הויף, ביי

דער וואַנט וואָס געפינט זיך אַנטקעגן איבער דעם טויער. און פלוצלינג האָבן מענטשן דערהערט אַ קנאַל. מ׳האָט זיך אומגעקוקט און דערזען ווי די עלטערע פרוי פאַלט אַראָפּ פון שטול און פון איר מויל פליצט אַ שטראָם בלוט. זי איז שוין געווען טויט.

ווי אַזוי איז עס געשען? ווי אַזוי האָט די פרוי געקאָנט דערהרגעט ווערן, זיצנדיק אין הויף? דורך די קראַטן פון פאַרמאַכטן טויער האָט אַ פאַרבייגייענדיקער „וואָלינִיעץ״ באַמערקט די זיצנדיקע פרוי. ער האָט נישט לאַנג געטראַכט. די פאַרניכטונגס־גירִיקייט איז געווען שטאַרק, די תאווה נאָך בלוט־פאַרגיסונג — נישט צו צוימען, האָט ער געשאָסן און געטראָפן גלייך אין מויל אַריין פון זיין קרבן.

יוטע יאַזשעמבסקי, אַ זקנה פון 70 יאָר, איז געווען נייגעריק צו וויסן וואָס אויף דער גאַס הערט זיך. זי האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורך דעם לופטשיק. זי האָט נישט באַמערקט ווי אַ הויכער, געזונטער „וואָלינִיעץ״ האָט אָנגעציקט זיין ביקס אויף איר גרויען קאָפּ. ס׳האָט זיך דערהערט אַ שאָס. די זקנה האָט אַפילו קיין קרעכץ נישט געטון. זי האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון פענצטערברעטל מיט אַ דורכגעלעכערטן שאַרבן.

אַ ציייטונגס־ידיעה צו מאָרגנס, נאָכן בלוטיקן מיטוואָך, גיט איבער פאָלגנדיקן שוידערלעכן פאַקט: „נעכטן (ד״ה אין טאָג פון בלוטיקן מיטוואָך) שפּעט אין אָוונט איז די פּאָגאָטאָוויע אַרויסגערופן געוואָרן אויף דזשיקע, ראָג ניזקע. די גאַס איז געווען פּוסט. די דאָקטוירים פון דער קאַרעטע האָבן נישט באַמערקט קיין שום פאַרוואונדעטן, אָדער הרוג. די פּאָגאָטאָוויע האָט שוין געוואָלט צוריקפאָרן, זייענדיק זיכער אַז ס׳איז געווען אַ פאַלשער אַלאַרם. אָבער פלוצלינג האָט דער קוטשער באַמערקט ליגן אין ווינקל פון אַ טויער עטלעכע קערפּערס. די דאָקטוירים זענען צוריק אויסגעשטיגן פון דער קאַרעטע און צוגעגאַנגען צום טויער. דאָרט זענען געלעגן כמעט איינער אויפן אַנדערן 8 טויטע מענטשלעכע קערפּערס. מ׳האָט זיי אַלע איבערגעפירט אין פּראָזעקטאָריום.״

הויפּטזאַכלעך האָט זיך די בלוטיקע אָרגיע אָפּגעשפּילט אין דער יידישער געגנט. אויך אין דער פוילישער געגנט זענען געווען אַ סך געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. די גרעסטע צאָל קרבנות אָבער, **זיבעציק פּראָצענט**, איז געווען אין די יידישע גאַסן.

אויף נייוועלט האָט דער 27יאָריקער אַרבעטער אַלעקסאַנדער מאַטושינסקי אָנגעטראָפן אַ פּאַטרול. די סאָלדאַטן האָבן אים באַפוילן צו שטיין. מאַטושינסקי איז אָבער געווען אַ טויבער. ער איז ווייטער געגאַנגען. איין „וואָלינִיעץ״ איז צוגעלאָפן צום אומגליקלעכן און אים עטלעכע מאָל אַריינגעזעצט די ביקסנשפּיז אין האַרץ אַריין. מאַטושינסקי איז געבליבן ליגן טויט אויפן אָרט.

דער 40יאָריקער ראַמאַן יאַניאַק איז געגאַנגען נאָך אַן אַקושערקע. זיין ווייב האָט זיך געגרייט צו געבוירן אַ קינד. אויף עק כלאָדנע און וראָניע האָט ער זיך אָנגעשטויסן אָן אַ פּאַטרול. דער אָפיציר האָט אָן שום שהיות אַראָפּגעלאָזט יאַניאַקן אַ פייערדיקן פּאַטש, זאָגנדיק דערביי:

— וואָס שלעפּסטו זיך אין די גאַסן, דו הינט איינער?

יאַניאַק איז פון פּאַטש געוואָרן אַזוי מבולבל אַז ער איז געבליבן שטיין ווי צוגעשמידט צו דער ערד, אָנקוקנדיק דעם אָפיציר מיט שרעק און שטוינונג. — „פאַר וואָס האָסטו מיך געפּאַטשט? — האָבן געפרעגט זיינע אויפגעריסענע, דערשראָקענע אויגן.

— ער וואַרט אויף נאָך אַ פּאַרציע, — האָט דער אָפיציר אַ זאָג געטון מיט אַ געלעכטער צו די סאָלדאַטן, — ווייזט אים נאָר וואָס איר קענט!

כהרף־עין איז יאַניאַק געלעגן אויף דער ערד, אויף זיין קערפּער האָבן אַרומגעטרעטן די שווערע סאָלדאַטישע שטיוול און אין זיין לייב האָט זיך אַריינגעשטאָכן איין שפּיז נאָך דער אַנדערער. יאַניאַק איז שוין געווען טויט און די צעווילדעוועטע „וואָלינצעס״ האָבן נישט אויפגעהערט צו שטעכן אין זיין לייב מיט די ביקסנשפּיזן.

יאַניאַקס פרוי האָט אין שווערע יסורים געוואַרט אויף דער אַקושערקע, נאָך וועלכער איר מאַן איז געגאַנגען . . .

דער דרייסיקיאָריקער וולאַדיסלאַוו מאַנאַוווסקי איז צוגעגאַנגען צו אַן אָפיציר און געפרעגט פאַר וואָס ער דערלאָזט, אַז זיינע סאָלדאַטן זאָלן אַזוי מערדערלעך שלאָגן אַן עלטערע פרוי. דער אָפיציר האָט גאָרנישט געענטפערט נאָר אַרויסגענומען זיין רעוואָלווער און מיט דריי קוילן אָוועקגעלייגט מאַנאָווסקין אַ טויטן. דערנאָך איז ער ווייטער געגאַנגען, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען.

די צאָל בלוטיקע פאַרפאַלן אין דער געגנט פון מאַרשאַלקאָווסקע און נייוועלט איז געווען כמעט אַ נישטיקע אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער רשימה בלוטיקע קרבנות אין די יידישע גאַסן. אויב אויף קראָלעווסקע, קראַקעווערפאָרשטאָט, האָט מען נאָך געזען פון צייט צו צייט פאַרבייגייער, זענען די יידישע גאַסן פון זעקס אַ זייגער אָן געווען פוסטענדיק אויסגעשטאָרבן. דער „קוריער וואַרשאַווסקי״ פון 16טן אויגוסט איז מודה אַז „אין דעם יידישן קוואַרטאַל און אין וואָליע איז געווען פּוסט און אומהדיק. די גאַנצע באַוועגונג אין די דאָזיקע לעבעדיקע קוואַרטאַלן איז אויסגעשטאָרבן, די ראָלעטן זענען אַראָפּגעלאָזט און דאָס ליכט אין די פענצטער איז אויסגעלאָשן״.

צוועלף ביי נאַכט זענען אין פּראָזעקטאָריום שוין געלעגן אויסגעלייגט 42 הרוגים פון דער ציווילער באַפעלקערונג. צו מאָרגנס האָבן די צייטונגען מודיע געווען אַז „אין די שפּיטאָלן שטאַרבן פיל פאַרוואונדעטע. די דאָקטוירים זאָגן אַז פינף און זיבעציק פּראָצענט פון די פאַרוואונדעטע איז שווער צו דערהאַלטן ביים לעבן״.

## שוואַרץ־מאַהדיקע עצות

דער פּאָגראָם אויף דער פּאָליציי און מיליטער איז פאָרגעקומען אין אַ סך שטעט און שטעטלעך פון פוילן. ר׳איז נישט געווען אַזוי מאַסנהאַפט, נישט אַזוי אָרגאַניזירט, ווי אין וואַרשע, פון דעסט וועגן זענען אויף דער פּראָווינץ אויך געפאַלן אַ סך פּאָליציאַנטן און מיליטער־לייט און אויך דאָרטן האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן אָנגערייצט די ווילדע, זעלנערישע האָרדעס אויף דער ציווילער באַפעלקערונג.

אין לאָדזש האָבן די מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ביי דער פּפּ״ס אַריינגעשלייִדערט פינף באָמבעס אין אָרטיקן צירקל. דער גאַנצער לאָקאַל איז חרוב געוואָרן און עטלעכע פּאָליציאַנטן זענען דערהרגעט געוואָרן. באַלד דערנאָך האָבן זיך איבער די גאַסן אַרויסגעלאָזט מיליטערישע פּאַטרולן און גענומען שלאָגן און שיסן יעדן פאַרבייגייענדיקן. צוליב דעם וואָס אַ פּאַטרול האָט זיך אויסגעדוכט אַז פון אַ הויז אויף ניקאָלייעווער־גאַס האָט מען געשאָסן צו די סאָלדאַטן, איז דאָס גאַנצע הויז אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ מחנה זעלנער, מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט די איינוואוינער פון די וואוינונגען און געשלאָגן מכות רצח יעדן איינעם. **אַן אַלטן מאַן, וועלכער איז געלעגן געפערלעך קראַנק, האָבן די חיהשע סאָלדאַטן** אַרויסגעשלעפּט פון בעט און אים אַזוי לאַנג געשלאָגן מיט די קאָלבעס, ביז ער איז אויסגעגאַנגען אונטער זייערע הענט.

שפּעט אין אָוונט האָט מען פון די גאַסן אַראָפּגענומען זעקס הרוגים, וועלכע זענען געפאַלן פון די סאָלדאַטישע קוילן און שפּיזן. דרייצן שווער פאַרוואונדעטע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל.

אין וולאָצלאַוועק איז באַלד אין דער פרי דערשאָסן געוואָרן דורך די „באָיאָוועצעס״ דער אָרטיקער פּאָליצמייסטער מיראָנאָוו. די שטאָט האָט אים שרעקלעך פיינט געהאַט. ער פלעגט הייסן שלאָגן אַרעסטירטע אַרבעטער און זיך באַרימט אַז ער האָט מיט דער אייגענער האַנט דערשאָסן אַן אַרבעטער וועלכער האָט אים אַנטקעגנגערעדט אַ וואָרט.

ווען מיראָנאָוו איז אַרויסגעגאַנגען פון זיין וואוינונג, האָט ער זיך ביי דער טיר אָנגעשטויסן אויף דריי יונגע־לייט. איינער פון די דריי יונגע־לייט האָט זיך געפרעגט מכלומרשט מיט אַן אונטערטעניקן טאָן:

— צי קאָן מען עפּעס בעטן ביי וואַשע בלאַהאָראָדיע?

— געגאַנגען, דאָ איז נישט מיין קאַנצעלאַריע! — האָט דער פּאָליצמייסטער אַ געשריי געטון צו דעם יונגן־מאַן און זיך געלאָזט גיין ווייטער.

אָבער אין דער זעלבער מינוט האָבן אַ בלאַנק געטון פאַר זיינע אויגן דריי רעוואָלווערן און איידער מיראָנאָוו האָט באַוויזן אַרויסצוכאַפּן זיין אייגענעם רעוואָלווער האָבן אָפּגעהילכט עטלעכע קנאַלן און דער פּאָליצמייסטער איז אַנידערגעפאַלן אַ טויטער אויפן אָרט. די אָנפאַלער זענען שנעל אַנטלאָפן. די אָנגעלאָפענע פּאָליציי האָט שוין קיינעם נישט געכאַפּט.

אין צוואַנציק מינוט אַרום זענען צום נאַטשאַלניק פון די סטראַזשניקעס אַריינגעקומען אין זיין וואוינונג צוויי יונגע־לייט און דערקלערט דעם סעקרעטאַר אַז זיי האָבן זייער אַ וויכטיקע מיטטיילונג פאַרן נאַטשאַלניק. ווען יענער איז אַרויסגעגאַנגען צו די יונגע־לייט, האָבן זיי אים באַגעגנט מיט אַ האָגל פון קוילן, אַוועקלייגנדיק אים אַ טויטן אויפן אָרט.

אין שטאָט זענען באַלד פאָרגעקומען אַרעסטן. פּאָליצייאישע און מיליטערישע פּאַטרולן האָבן מוראדיק געשלאָגן יעדן פאַרבייגייער. די געוועלבער האָבן זיך תיכף פאַרהאַקט, דער עולם האָט גענומען איילן אַהיים און זיך פאַרמאַכט אין די וואוינונגען.

אין ל ו ב ל י ן האָבן די „באָיאָווצעס" געוואָרפן אַ באָמבע אויף אַ פּאָליציי־צירקל. אין אָוונט האָט מען אויף דער וועניאַווסקעגאַס פאַרוואונדעט צוויי סטראַזשניקעס און ביי דער באַנסטאַנציע האָט מען אַוועקגעלייגט אַ טויטן אַ זשאַנדאַרם.

אין ל ו י ו י ט ש האָט מען אין אָרטיקן שטאָטגאָרטן צען אַ זייגער אין אָוונט דערשאָסן צוויי סטראַזשניקעס. די אָנפאַלער זענען פאַרשוואונדן אין דער נאַכט־פינצטערניש.

אָנפאַלן אויף פּאָליציאַנטן און מיליטער־לייט זענען אויך פאָרגעקומען אין די שטעט: גאָמבין, נאָוואָמינסק, קוטנע, פּיאָטרקאָוו, שעדלעץ א"א.

די טעראָריסטישע אַקציע פון דער פּעפּעעסישער „באָיאָווקע" איז געווען אַ פּלאַנמעסיקע און אָרגאַניזירטע. דער אומלעגאַלער „ראָבאָטניק" פון 22טן אויגוסט 1906 האָט געשריבן: „דער מאַסןפּאָגראָם אויף פּאָליציי אין טאָג פון 15טן ד"ח איז אַ ווייטערדיקער המשך פון דעם אָנגעהויבענעם קאַמף. די דאָזיקע אַקציע, וועלכע איז אויסגעפירט געוואָרן אָרגאַניזירט און פּלאַנמעסיק אויפן שטח פון גאַנצן לאַנד, האָט אַרויסגעוויזן די קאַמפּס־פעאיקייט פון פּראָלעטאַריאַט".

די דאָזיקע קאַמפּס־פעאיקייט פון די פּעפּעעסישע „באָיאָווקע", וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין הרגענען עטלעכע צענדליק פּאָליציאַנטן און סאָלדאַטן, האָט געבראַכט אויפן לאַנד אַ כוואַליע פון דער שטאַרקסטער רעאַקציע און האָט געשאַפן עטלעכע הונדערט פרישע קברים פון אומשולדיקע קרבנות... דער צאַרישער בער איז בלויז צערייצט געוואָרן און אַרויפגעלייגט זיין שווערע לאַפּע אויף דער באַפעלקערונג, זיך נוקם זייענדיק אויף אַ שרעקלעכן אופן אין קינדער און אַלטע לייט, אין אומשולדיקע פאַרבייגייער.

אין דעם זין האָט געשריבן דער דעמאָלטיקער אָרגאַן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פּוילן און ליטע: „נישט אַזוי דאַרף געפירט ווערן דער קאַמף מיט דער צאַרישער הידרע. איר וועט אָפּשניידן איין לאַפּע, וועט אויסוואַקסן באַלד די צווייטע, איר וועט דערהרגענען איין צאַרישן דינער, וועט אָנקומען אַ צווייטער, אַ פיל געפערלעכערער. דעם פ ו נ ד א מ ע נ ט פון צאַריזם דאַרף מען אונטערגראָבן — אָט דאָס איז דער וועג!"

אַ לענגערע צייט נאָכן בלוטיקן מיטוואָך האָבן די צייטונגען כסדר געשריבן וועגן דעם אַז די רעגירונג גייט איינפירן אין פּוילן באַלאַגערונגס־צושטאַנד. דאָס וואָלט געברענגט אַ נייע בלוטכוואַליע אויפן גאַנצן לאַנד. דעמאָלט וואָלט דאָס לעבן פון דער באַפעלקערונג אין פּוילן געוואָרן פולשטענדיק הפקר.

די שוואַרצע כוחות אין פּעטערבורג האָבן נישט גערוט. די בלוטיקע אָרגיעס וואָס סקאַלאָן האָט דעם 15טן אויגוסט איינגעאָרדנט אויף די וואַרשעווער גאַסן זענען פאַר זיי געווען ווייניק... זיי האָבן געפאָדערט אָנצואווענדן מיטל־אַלטערלעכע מיטלען. אַזוי האָבן די שוואַרץ־מאַהדיקע צייטונגען, ווי „נאָוואָיע ווראָעמיאַ", „רוסקאָיע זנאַמיאַ", „ראָסיאַ" א"אַ געשריבן בזה הלשון:

„די אַלע מיטלען וואָס די רעגירונג ווענדט אָן אין פּוילן קעגן די אָנפאַלן אויף די פאָרשטייער פון פּאָליציי און מיליטער וועלן קנאַפּ וואָס העלפן און וועלן ווייניק אָנלערנען די דאָרטיקע איינוואוינער. כדי צו פאַרזיכערן זיך פון די ווייטערדיקע אָנפאַלן אויף דער פּאָליציי, דאַרף מען נעמען לעבעדיקע ערבות ביי דער באַפעלקערונג. אין יעדער שטאָט דאַרפן אַרעסטירט ווערן עטלעכע צענדליק מאַן און פאַר יעדן דערשאָסענעם פּאָליציאַנט דאַרף מען דערשיסן דריי פון די אַרעסטירטע. אויב דאָס וועט נישט העלפן, דאַרף מען כאַפּן די ערשטע, בעסטע מענטשן פון גאַס און זיי דערשיסן".

מיט אַזעלכע עצות זענען געקומען די רוסישע שוואַרץ־מאַהניקעס. און אויב קיין באַלאַגערונגס־צושטאַנד איז, נישט קוקנדיק אויף אַלע קלאַנגען, דאָך נישט איינגעפירט געוואָרן, אויב קיין לעבעדיקע משכנות פון דער באַפעלקערונג זענען נישט גענומען געוואָרן, איז דער טאָג פון בלוטיקן מיטוואָך געווען אָן אָנהייב פון שווערע, בלוטיקע רעפּרעסיעס. מיטן טאָג פון 15טן אויגוסט איז נאָך נישט פאַרענדיקט געוואָרן די רשימה פון די קרבנות וועלכע זענען געפאַלן פון די הענט פון די „וואָלינצעס".

## אין די אַנדערע טעג

ווי אַזוי האָט וואַרשע אויסגעזען שפּעט אין אָוונט, אין דעם שרעקלעכן אָוונט פון דעם בלוטיקן טאָג? אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ פּוילישער צייטונג, וועלכער האָט מיט סכנות פאַר זיין אייגן לעבן געמאַכט אַ באַזוך אין יידישן קוואַרטאַל, שילדערט אַזוי דאָס אויסזען פון די גאַסן:

„ס'איז עלף דער זייגער. די לאַמטערנעס ברענען. פון דער ווייטנס הערט מען דאָס הילכיקע קלאַפּן פון די זעלנערישע שטיוול אין די פּליטעס פון טראָטואַר. זיי שרייען עפּעס צו אימעצן, ס'הערן זיך עכט־רוסישע זידלערייען. דערנאָך אַ יאָמערלעך געשריי. איך ציטער אויף, איך רוק זיך אַריין אין אַ ווינקל פון אַ טויער. דאָס געשריי ווערט שטאַרקער און בויערט דורך דעם מוח. איך גיי ווייטער. אין אַ סך ערטער באַמערק איך גרויסע בלוטפלעקן, עס וואַלגערט זיך אַ פאַרבלוטיקטער הוט, אויף דער מויער פון אַ הויז — בלוט. אַ שרעק! איך קוק מיך אום — די פענצטער זענען פאַרהאַמערט, — פינצטער, ווי דאָרטן, הינטער זיי, וואָלטן אַלע אויסגעשטאָרבן. אַ בלוטיקער קאָשמאַר הענגט איבער די דאָזיקע גאַסן און לייגט זיך שווער אויף דער נשמה. וועלן נאָך די דאָזיקע גאַסן צוריק אויפלעבן? וועט מען נאָך זען אויף זיי מענטשן? ס'איז אַזוי שווער דערין צו גלייבן ווען דו קוקסט אָן דעם דאָזיקן בית־עולם!"

קיינער האָט זיך אין דער דאָזיקער נאַכט נישט געלייגט שלאָפן. מ'האָט זיך צוגעשלייכט צו די פענצטער און אַרויסגעקוקט: וואָס הערט זיך? שיסט מען נאָך, שעכט מען נאָך? מ'האָט זיך דערציילט איינער דעם אַנדערן שוידערלעכע פּרטים פון פאַרגאַנגענע טעג, און בעתן דערציילן האָבן די צוהערער פאַרבראָכן מיט די הענט און שווער געזיפצט.

מיט ציטערניש און שרעק האָט מען דערוואַרט דעם מאָרגנדיקן טאָג. ווער ווייסט וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג קאָן ברענגען? צי וועט מען ווייטער מוזן זיצן אין שטוב, צי וועלן ווייטער די „וואָלינצעס" ווילדעווען איבער די גאַסן פון דער שטאָט?

דאָנערשטיק אין דער פרי האָבן זיך געעפנט די טויערן. דער עולם האָט זיך ביסלעכווייז גענומען אַרויסשלייכן אויף דער גאַס. איינער דעם אַנדערן האָט אָנגעוויזן אויף די בלוטפלעקן וואָס מ'האָט באַמערקט אויף פאַרשידענע ערטער. ווי הייסעריקן האָבן זיך מענטשן געוואָרפן אויף די פרימאָרגן־צייטונגען און געלייענט די פּרטים וועגן דעם שרעקלעכן טאָג. אַלע צייטונגען זענען אַרויס מיט גרויסע קעפּלעך: „דער בלוטיקער טאָג", „דאָס נעכטיקע בלוטבאָד", „דער מוראדיקער טאָג".

ארום צוועלף א זייגער ביי טאָג האָבן זיך די „וואָלינצעס" ווידער באַוויזן אין גאַס. און הגם זיי האָבן נישט געמאָרדעט מיט אַזאַ ווילדקייט ווי אין טאָג פון 15טן אויגוסט, זענען פון דעסט וועגן געפאַלן עטלעכע דערשאָסענע און צעשטאָכענע פאַרבייגייערס.

באַזונדער בלוטיק און טראַגיש האָט זיך געענדיקט אַ קאַטויליישע פּראָצעסיע וועלכע האָט זיך אין דעם טאָג צוריקגעקערט פון טשענסטאָכאָוו. אימעצער האָט לעבן דער פּראָצעסיע, וועלכע האָט זיך געפונען אויף כלאָדנע־גאַס, אונטערגעוואָרפן אַ פּעטאַרדע. די פּעטאַרדע האָט אויפגעריסן מיט אַ הילכיקן קנאַל.

אַן אָפּטיילונג „וואָלינצעס", מיינענדיק אַז מ'האָט פון דער פּראָצעסיע געוואָרפן אַ באָמבע, האָט אָן שום וואָרענונג געעפנט אויפן געדיכטן עולם אַ שיסעריי. ס'איז אַנטשטאַנען אַ מוראדיקע בהלה. איינער האָט געטרעטן אויפן אַנדערן, פרויען האָבן געחלשט און ספּאַזמירט, — פאַרוואונדעטע האָבן געקרעכצט און גערופן הילף. מענטשן זענען ווילד געוואָרענע געלאָפן אין אַלע זייטן. מ'האָט געטרעטן אויף די הרוגים, אויף פאַרוואונדעטע, די געשרייען און די געוואַלדן האָט מען געהערט אין דער גאַנצער געגנט.

אויך דער פרייטיקדיקער און שבתדיקער טאָג האָבן געברענגט אַ סך קרבנות. דער בלוטיקער שניט האָט זיך נאָך נישט געהאַט געענדיקט.

פרייטיק איז געמאַכט געוואָרן אַן אַטענטאַט אויפן גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן. ווען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר איז דורכגעפאָרן אויף דער נאַטאַלינסקע־גאַס, האָט מען פון אַ פענצטער אַראָפּגעוואָרפן אויף אים צוויי באָמבעס. דער צאַרישער סאַטראַפּ האָט אָבער געהאַט גליק. ער איז אַרויס גאַנץ און אומבאַשעדיקט.*)

דער דאָזיקער אַטענטאַט האָט דעם צאַרישן תלין אַריינגעברענגט אין אַ שרעקלעכן צאָרן. ער האָט באַפוילן זיינע אָפיצירן צו באַגיין זיך מיט דער באַפעלקערונג „אָן רחמנות און ריקזיכטלאָז". די סאָלדאַטן פון וואָלינער פּאָלק האָבן זיך ווידער אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסן, אין פּיקעטן, צו צען און פופצן מאַן מיט אַ מאָל. ס'איז גענוג געווען אַז אימעצער זאָל זיי נישט געפעלן און יענער זאָל דערשאָסן ווערן אָן אַ פאַרוואָס.

צוועלף אַ זייגער ביי טאָג האָט זיך אויף באַנקפּלאַץ באַוויזן אַ פּאַטרול פון פופצן „וואָלינצעס". זיי האָבן אָפּגעשטעלט די פאַרבייגייער און יעדן איינעם רעווידירט. באַזונדער שטאַרק זענען רעווידירט געוואָרן די אַלע וואָס האָבן געטראָגן שוואַרצע פּעלערינעס. פאַרשטייט זיך אַז דערביי זענען זיך די געזונטע, פעסטע סאָלדאַטן נישט באַגאַנגען אָן קיין געזונטע, פעסטע קלעפּ...

ס'גייט אַדורך אַ יונגער־מאַן אין אַ שוואַרצער פּעלערינע. אַ „וואָליניעץ" שטעלט אים אָפּ מיט אַ געשריי:

— העי, וו'עטאַם נעלזיאַ! (אין דעם טאָר מען נישט גיין אָנגעטון).

— אָבער מיר איז דאָך קאַלט! — ענטפערט דער בחור אין דער פּעלערינע, באַהאַלטנדיק אַ שמייכל אין די ווינקלען פון מויל.

— ס'וועט דיר באַלד זיין היים, — ענטפערט דער סאָלדאַט און, אַראָפּרייסנדיק פון דעם יונגן־מאַן די פּעלערינע, נעמט ער האַקן איבער זיין קאָפּ מיט דער קאָלבע ביז דער יונגער־מאַן פאַלט אַנידער אַ פאַרבלוטיקטער אויף דער ערד.

ס'גייען פאַרביי דריי יונגע־לייט. איינער פון זיי, נישט קאָנענדיק צוזען די רציחהדיקע האַנדלונג פון סאָלדאַט, פרעגט מיט כעס:
— פאַר וואָס שלאָגסטו אַזוי, דו כאַמישע מאָרדע?

די דריי יונגע־לייט, וויסנדיק וואָס זיי דערוואַרט פון אַזאַ באַמערקונג, נעמען שנעל אַנטלויפן. די סאָלדאַטן הייבן זיי אָן נאָכצויאָגן און נאָכצושיסן. די יונגע־לייט איז געלונגען זיך צו באַ־

*) זע די אַרבעט פון סלאָנימסקי „דער אַטענטאַט אויפן גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן", פּנקס ווארשע.



האַלטן אין אַ טויער. די סאָלדאַטן האָבן אָבער ווייטער געשאָסן אין אַלע זייטן, נישט קוקנדיק דערויף וואָס אויף דער גאַס האָבן זיך געפונען אַ סך מענטשן.

אויף עק פשעכאָדניע און אייזערנער טויער איז געשטאַנען דער 18יאָריקער משה שפּירא, אַ קעלנער. הערנדיק די שיסעריי האָט ער שוין געוואָלט צוריק אַריינלויפן אין רעסטאָראַן, לעבן וועלכן ער איז געשטאַנען. אָבער אין דער זעלבער סעקונדע האָט אים אַ קויל דורכגעשאָסן אין דער לינקער זייט פון ברוסטקאַסטן און ער איז אַנידערגעפאַלן, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. נישט ווייט פון אים האָט אַ קויל דערהרגעט אַ יונג, קריסטלעך יינגל.

די צאָל קרבנות פון פרייטיקדיקן טאָג איז געווען זייער גרויס.

שבת, דעם 18טן אויגוסט, האָבן זיך ייִדן ווייניק באַוויזן אין גאַס. די ייִדישע גאַסן, וועלכע זענען אַלע מאָל אין אַ שבתדיקן טאָג פול מיט שפּאַצירנדיקע, האָבן איצט אויסגעזען פּוסט און ליידיק. מ'האָט זיך באַוויזן אין גאַס נאָר אין אַ נויטיקן פאַל. אָבער נישט קוקנדיק דערויף זענען פון די רוצחישע הענט ווידער געפאַלן עטלעכע ייִדישע קרבנות. דעם שווערסטן איינדרוק אין דער ייִדישער געגנט האָט געמאַכט דער קרבן יודל מאַניקאָוו.

שבת פאַר נאַכט איז ער געזעסן ביים אָפענעם פענצטער פון זיין וואוינונג אויף פּאַוויע 30. ער האָט געלייענט וועגן די שרעקלעכע געשעענישן אין בלוטיקן מיטוואָך און שווער אָפּגעזיפצט. ער איז געווען אַזוי פאַרטון אין לייענען אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט וואָס אויף דער גאַס קומט פאָר. ער האָט נישט באַמערקט ווי אַ „וואָליניעץ" האָט צוגעשטעלט די ביקס צום אַקסל און זיך געצילט גלייך צום „זשיד". פאַר וואָס? וואָס האָט ער געהאַט צו דעם שטילן, רואיקן יודל מאַניקאָוו וועלכער איז געווען באַליבט אין דער גאַנצער געגנט? „ס'איז אַ זשיד — דאַרף מען אים דערהרגענען!" — האָט דער טעמפּער, אָנגערייצטער „וואָליניעץ" געטראַכט, און אַ צי געטון פאַרן צינגל פון דער ביקס.

ס'האָט זיך דערהערט אַ קנאַל. מאַניקאָוו האָט שוין נישט באַוויזן אוועקצוכאַפּן דעם קאָפּ. די קויל האָט אים דורכגעלעכערט די שלייף. ער איז אַראָפּגעפאַלן פון דער שטול מיט דער צייטונג אין דער האַנט. די שטובמענטשן זענען צו אים צוגעלאָפן. מאַניקאָוו איז שוין געווען טויט.

---

אַ טרויער האָט אַרומגענומען די גאַנצע באַפעלקערונג. אין די לעצטע לויות פון די קרבנות האָבן אָנטייל גענומען טויזנטער מענטשן. אויפן בית־עולם האָבן זיך אָפּגעשפּילט די האַרץ־רייסנדיקסטע סצענעס. מאָנטיק, דעם 20טן אויגוסט, האָבן ייִדן גוזר טענית געווען: די באַפעלקערונג איז געווען נידערגעשלאָגן, פול מיט מורא, פון אַלעמענס אויגן האָט אַרויסגעקוקט שרעק און צער.

אין „ייִדישן טאָגבלאַט" פון 20טן אויגוסט, לייענען מיר פאָלגנדיקן שוידערלעכן סך־הכל פון דעם בלוטבאָד:

„אַלע קרבנות, וועלכע זענען געפאַלן אין מיטוואָכדיקן טאָג אָדער זענען געשטאָרבן פון די וואונדן וואָס זיי האָבן באַקומען אין דעם בלוטיקן טאָג*), האָט מען שוין מקבר געווען. די פּאָליציי האָט זיך דאָס מאָל נישט אַריינגעמישט אין די לויות. אַלע טויטע קערפּערס האָבן די קרובים דערקענט און מ'האָט זיי אַרויסגעגעבן. די צאָל פון ייִדישע געהרגעטע וואָס מ'האָט מקבר געווען אויפן וואַרשעווער בית־עלמין איז 45, און אויף פּראַגע — 5".

דאָס איז געווען דער שרעקלעכער, בלוטיקער סך־הכל פון דעם טאָג וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע אַלס איינער פון די בלוטיקסטע, מוראדיקסטע טעג אין וואַרשע, אין די יאָרן 1905—1906.

„דער בלוטיקער מיטוואָך" האָט אַ לאַנגע צייט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ שווערן, בלוטיקן און פינצטערן קאָשמאַר.

*) דאָ רעדט זיך בלויז וועגן די ייִדישע קרבנות.

מיר גיבן דא פאר אונדזערע לייענער א רשימה פון די אומגע־קומענע יידן, וואס זייערע נעמען איז געלונגען פעסטצושטעלן. אין דער דאזיקער רשימה וועלן א סך פון אונדזערע לייענער, אוודאי, געפונען באקאנטע און קרובים, וועלכע זענען אין יענעם שרעקלעכן טאג געפאלן פון די רוצחישע הענט.

1) יהודית הירשמאן, 33 יאר אלט.
2) שלום ראזענבערג, 26 יאר אלט.
3) יעקב דארפמאן, 18 יאר אלט.
4) משה דארפמאן, 18 יאר אלט.
5) יונה־יוסף פרידלאנד, 21 יאר אלט.
6) מאיר מאשקאוויטש, 25 יאר אלט.
7) יוסף הימלשטיין, 30 יאר אלט.
8) פרומע קארנבערג, 64 יאר אלט.
9) יוסף גרינבערג, 41 יאר אלט.
10 זלמן באלבערג, 13 יאר אלט.
11) שמואל אסטראווסקי, 43 יאר אלט.
12) נאטע ראדאצקי, 13 יאר אלט.
13) משה שמוקלער, 30 יאר אלט.
14) יידל מאגיד, 24 יאר אלט.
15 נח פישביין, 17 יאר אלט.
16) חיה שיכטע, 40 יאר אלט.
17) יעקב קאסמאן, 34 יאר אלט.
18) חיה ברילאנטשטיין, 61 יאר אלט.
19) חוה מערענשטיין, 56 יאר אלט.
20) חיה־לאה גוטמאן, 19 יאר אלט.
21) יוטע יאזשעמבסקי, 70 יאר אלט.
22) משה ווייספאגעל, 23 יאר אלט.
23) אביש ווייספאגעל, 29 יאר אלט.
24) שמואל זייבערט, 29 יאר אלט.
25 לייזער ראזוואדאווער, 43 יאר אלט.
26) שלמה זאנדמאן, 39 יאר אלט.
27) נעכע וויראסלאוו, 16 יאר אלט.
28) יחזקל אבערמאן, 18 יאר אלט.
29) פרומע קאלינער, 10 יאר אלט.
30) שלמה לעדערמאן, 19 יאר אלט.
31) יחזקאל פינטשוק, 18 יאר אלט.
32) יידל מאניקאוו, 42 יאר אלט.
33) ראובן זיידמאן, 16 יאר אלט.
34) בנימין ביטער, 25 יאר אלט.
35) אברהם בראדער, 49 יאר אלט.
36) מאטל מלינארסקי, 16 יאר אלט.
37) לייזער זילבערקנאפ, 20 יאר אלט.
38) יעקב יוסף בירענצווייג, 19 יאר אלט.
39) יצחק איזאקסאן, 32 יאר אלט.



דער בנין פון דער ווארשעווער געמינע

נ י ר

# דער אָנהייב פון דער פּועלי-ציוניסטישער באַוועגונג אין וואַרשע

נאָכן זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין יאָר 1903 אין באַזעל, ווו די גאַנצע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך, צוליב דער אוגאַנדאַ־פראַגע, צעטיילט אויף ניין־זאָגער און יאָ־זאָגער, איז אין די ציוניסטיש־דעמאָקראַטישע קרײַזן אין וואַרשע אויפגעהויבן געוואָרן אַ דיסקוסיע מכוח פּאַלעסטינע גופא. צו יענער צײַט זענען אין וואַרשע געווען אַ פּאָר ציוניסטישע קרײַזלעך, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן בײַם פּראָגראַם פון דער אַזוי גערופענער „דעמאָקראַטישער פראַקציע" פון פינפטן קאָנגרעס, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך לעאָן מאָצקין, חיים ווייצמאַן און אבערסאָן. די קרײַזלעך אין וואַרשע זענען באַשטאַנען פון פאַרשידענע עלעמענטן: די סטודענטישע „קדימה", דער פרויענקרײַז „דבורה", אַרבעטער־קרײַז „התחיה", יוגנטקרײַז „מתתיהו" און נאָך אַנדערע קלענערע. דער יוגנטקרײַז „מתתיהו" האָט אייגנטלעך נישט געשפּילט קיין ראָלע, פון אים זענען אָבער אַרויס אַ פּאָר שפּעטערדיקע טוער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי יצחק טאַבענקין פירער פון „אחדות העבודה" אין פּאַלעסטינע, און אַנד.

סוף 1903 זענען אויף נאָוואָליפּקע 24 פאָרגעקומען פאַרביסענע דיסקוסיעס צווישן די מיטגלידער פון די דרײַ ציוניסטיש־דעמאָקראַטישע קרײַזן. ווי איך דערמאָן מיך, האָבן אין די וכוחים אָנטייל גענומען: יצחק גרינבוים, אַלשוואַנגער (ביידע ברידער), האַרטגלאַס, זײַדענמאַן און אַנדערע פון „קדימה", איינציקע מיטגלידער פון „דבורה", די ברידער לעשטשינסקי (יעקב און יוסף) און דאַכט זיך נאָך אַ יוסף, שלמקע זוסמאַן (דעמאָלט נאָך אַ חסידישער ייִנגערמאַנטשיק אין אַ קאַפּאָטע), שפּרינצאַק פון „התחיה" (איצט פירער פון הפועל־הצעיר אין פּאַלעסטינע) און אַנדערע.

די דיסקוסיעס האָבן זיך געצויגן גענוג לאַנג און צו קיין רעזולטאַטן נישט געבראַכט. יעדער איז געבליבן בײַ דאָס זײַניקע. די גרופּעס אַלס גאַנצע זענען געבליבן פּאַלעסטינישע, נאָר איינציקע מיטגלידער זענען אַוועק און האָבן מיטגעהאָלפן שאַפן די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, הגם זיי האָבן זיך נאָך אַ לאַנגע צײַט גערופן פּועלי־ציון, נישט געקוקט אויף זייער טעריטאָריאַליזם.

אין „קדימה", צו וועלכער איך האָב געהערט, האָט מען זיך אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן מיט די פּאַלעסטינער פּועלי־ציון. אין וואַרשע גופא זענען נאָך אַזעלכע נישט געווען בנמצא. קיין ליטעראַטור איז אויך נישט געווען, און ווען מיר איז סוף 1904 אויסגעקומען צו רעפערירן אין „קדימה" וועגן פּועלי־ציון, האָב איך זיך געמוזט באַנוגענען נאָר מיט תורה שבעל פּה.

אין רוסלאַנד האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן די עפּאָכע פונעם אַזוי גערופענעם פרילינג, ווען מיניסטער פון אינערן איז געוואָרן סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי. אין אַלע קרײַזן איז געשטיגן דער אינטערעס צו דער אַלגעמיין־רוסלענדישער פּאָליטיק, און די יאַנואַר־טעג (דער 9טער יאַנואַר פון 1905) האָבן זיך אָפּגערופן אין אַלע גרעסערע שטעט מיט אַ ריי סטודענטישע אַרויסטרעטונגען און אַרבעטער־קרײַזן.

מיר, וואַרשעווער סטודענטן, האָבן, פאַרשטייט זיך, אויך געשטרײַקט, נאָך אַ סכאָדקע דעם 15טן יאַנואַר אין אוניווערסיטעט, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָדערן „צוויי קאָנסטיטואַנטעס" — אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין פּעטערבורג און אין וואַרשע. דעם אוניווערסיטעט האָט מען פאַרמאַכט און די סטודענטן האָבן זיך פאַרנומען... נאָך מער מיט פּאָליטיק.

די געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג פון יענע טעג האָט אויך פאַרן ציוניזם בולטער געמאַכט די נויטווענדיקייט זיך מערער אָפּצוגעבן מיט אַרטיקער פּאָליטיק: יעדן פאַלס פאַרבינדן מער דעם פּאַלעסטינישן אידעאַל מיט דער „קעגנוואַרט־אַרבעט".

צו יענער צײַט האָט מען עפּעס אָנגעהויבן צו רעדן אין אונדזערע קרײַזן וועגן אַ גרופּע פּועלי־ציון וואָס איז אַנטשטאַנען אין „התחיה". די גרופּע איז אָבער עפנטלעך אַרויסגעטרעטן ערשט אין אַפּריל־מײַ 1905, ווען זי האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון „התחיה" און אַליין פאַר זיך געוויילט אַ דעלעגאַט (בן־ציון ראַסקין) צום 7טן ציוניסטישן קאָנגרעס. די גרופּע איז באַשטאַנען פון אַן ערך 70 מאַן, דורכויס אַרבעטער מיט אַ פּאָר אינטעליגענטן בראָש: בן־ציון (ראַסקין), יצחק ט. (טאַבענקין), און אַלטער גאָטליב (דער איצטיקער גאָטליב פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס").

בן־ציון ראַסקין, דער עלטסטער צווישן זיי, אַ מענטש פון אַ יאָר 30, אַ לערער, מיט געוויסע ליטעראַרישע פעיִקייטן (ער האָט אין די שפּעטערע יאָרן איבערגעזעצט אין ייִדיש „האַיאַוואַטאַ" פון לאָנגפעלאָ) און אַ ביסל וויסנשאַפט. ער פלעגט אַ מאָל אַרויסזאָגן אַ גאַנץ טיפן געדאַנק. דאָס פלעגט אָבער פּאַסירן גאַנץ זעלטן, ס'רוב פלעגט ער אַרויסווײַזן נישט קיין שנעלע אָריענטאַציע. דערצו האָט ער פאַרמאָגט אַ פאַרביסענע אַמביציע. ווי מיר דאַכט זיך, האָט זײַן אויטאָריטעט דעמאָלט זיך באַזירט נישט אַזוי אויף זײַנע אייגענע מעלות, ווי אויף דעם וואָס יצחק טאַבענקין האָט אין אים געגלויבט.

יצחק איז געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר 19. ער האָט זיך געקענט טיף אַרײַנגריבלען אין יעדער זאַך; אַ גלענצנדיקער אַג טאַטאָר מיט אַ גרויסער איבערצײַגונגס־קראַפט. די לעצטע איז געלעגן מער אין זײַן טיפן באַגײַסטערטן גלויבן, אין זײַן פעיִקייט צו באַגײַסטערן אַנדערע, ווי אין דער לאָגיק פון דענקען. מיט זײַנע פײַערדיקע, עקזאַלטירטע אויגן און גליִענדיקן טעמפּעראַמענט איז ער געוואָרן דער ליבלינג פון אַלע חברים און זייערע פירער.

אָט די צוויי מענטשן זענען עס געשטאַנען בראש פון דער פּועלי־ציון־גרופּע וואָס האָט זיך דעמאָלט אַ נאָמען געגעבן „די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פּועלי־ציון אין וואַרשע".

די ווײַכטיקסטע פראַגע וואָס מען האָט געדאַרפט באַשליסן אויפן 7טן ציוניסטישן קאָנגרעס איז געווען: פּאַלעסטינע אָדער אַ טעריטאָריע בכלל. אוגאַנדאַ אַלס אַזעלכע, איז שוין אַראָפּ פון סדר היום, הגם אויפן קאָנגרעס האָט מען נאָך געדאַרפט אויסהערן דעם באַריכט פון דער קאָמיסיע. אָבער די ציוניסטישע אומשולד איז שוין אָנגערירט געוואָרן דורך אוגאַנדאַ, און עס איז אַנשטאַנען די טעריטאָריאַליסטישע טעאָריע, סײַ אין די בירגערלעכע, סײַ אין די פּראָלעטאַרישע קרײַזן. האָבן זיך, בכן, ביידע צדדים, דער פּאַלעסטינישער און דער טעריטאָריאַליסטישער, געגרייט צום לעצטן אַנטשיידענעם קאַמף, און יעדער צד האָט געזוכט אַרײַנצוקריגן וואָס מער אָרגאַניזאַציעס און דורך זיי מאַנדאַטן.

אין וואַרשע איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון די פּאַלעסטינצעס, די אַזוי גערופענע „ציוני־ציון". אַלע „ציוני־ציון" זענען זיך צונויפגעקומען אויף אַ קאָנפערענץ אין פרײַבורג (באַדען) ווו איך בין אויך געווען אַלס דעלעגאַט. אין 1905 בין

איך אָפּגעפאָרן קיין ציריך, און דער קאָמיטעט „ציוני־ציון" האָט מיר פאַרשאַפט אַ מאַנדאַט פון מאַריאַמפּאָל. דער מאַנדאַט איז געווען אַן אימפּעראַטיווער בנוגע דער פראַגע וועגן פּאַלעסטינע.

עס דערמאָנט זיך מיר אַז ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל אַרײַן אין זאַל פון דער פאָרקאָנפערענץ אין פרײַבורג, איז צו מיר ממש צוגעלאָפן אַ מיידל פון אַ יאָר 21-20, מיטעלן ווּקס, אין פּענסנע,רחל גאָלדין־ינאית (איצט אין פּאַלעסטינע) און מיר אויף רוסיש אַ פרעג געטאָן צי איך בין אַ פּועלי־ציון. צוגעגאַנגען דווקא צו מיר איז זי וואַרשיינלעך דערפאַר וואָס איך בין געגאַנגען אָנגעטון אין אַ שוואַרצער רוסישער בלוזע.

איך האָב זיך אין דעם מאָמענט געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט. עס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט צושטיין צו דער פראַקציע פּועלי־ציון, איך האָב אָבער נישט געקאָנט פאַרדייען דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און זיך געהאַלטן פאַר אַן אויסגעשפּראָכענעם אָנהענגער פון דואַליזם. ווי נאָר איך האָב איר געענטפערט אַז איך בין נישט קיין היסטאָרישער מאַטעריאַליסט, איז זי גלײַך נעלם געוואָרן.

צווישן די פּועלי־ציון־דעלעגאַטן געדענק איך באָראָכאָוון, וועלכן איך האָב שוין געזען אין וואַרשע אין פרילינג 1904, ווען ער איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ גלענצנדיקן רעפעראַט, אָבער נישט אַלס פּועלי־ציון (באָראָכאָוו האָט זיך צו יענער צײַט דערווײַטערט פון די פּועלי־ציון אין דרום־רוסלאַנד צוליב פּרינציפּיעלע טעמים, וועגן וועלכער ער שרײַבט אין זײַן בראָשור וועגן דער „עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון ייִדישן פאָלק"). אחוץ באָראָכאָוון געדענק איך כאַשינען (דעמאָלט באָרוכסאָן), קיווינען, זאַקהיימען, מאַטעס לעווקאָסקין, דוויד ראַפּאָפּאָרטן, סאָפיע גרינבערג, כעלמערן (שוין געשטאָרבן) און אַנדערע.

דער וואַרשעווער דעלעגאַט בן־ציון האָט זיך אויך געהאַלטן פון ווײַטן פון דער גרופּע פּועלי־ציון צוליב גאָר אַן אַנדער מאָטיוו. אין דער גרופּע האָט געהערשט דער אַזוי גערופענער „פּראַקטישער פּאַלעסטיניזם"; זיי האָבן אַנערקענט פּאַלעסטינע צוליב פּראַקטישע טעמים. אין וואַרשע אָבער איז די גרופּע באַשטאַנען פון אַזוי גערופענע פּרינציפּיעלע פּאַלעסטינצעס, פאַר וועלכע פּאַלעסטינע האָט געשפּילט אַ ראָלע אַ סך מער צוליב ריין אידעאָלאָגישע מאָמענטן, וועלכע זיי האָבן זיך באַמיט צו באַגרינדן ריין מאַרקסיסטיש. דאָס איז געווען די סיבה פאַר וואָס סײַ בן־ציון דעמאָלט און סײַ שפּעטער די פּוילישע פּועלי־ציון בכלל האָבן זיך פאַרהאַלטן זייער קאָלט און פאָרזיכטיק צו די רוסישע פּועלי־ציון.

דער אונטערשיד צווישן דעם פּראַקטישן און פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם איז באַשטאַנען אין דאָס ווײַטערדיקע: די רוסישע פּועלי־ציון זענען געווען פּרינציפּיעלע טעריטאָריאַליסטן. אין דעם אַנאַליז פון דער ייִדישער ווירקלעכקייט זענען זיי דערגאַנגען ביז דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט פון אַ קאָנצענטרירטער עמיגראַציע אויף אַ טעריטאָריע, און פון אַלע אַנדערע טעריטאָריעס האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף פּאַלעסטינע אַלס דאָס פּאַסיקסטע און געאייגנטסטע לאַנד פאַר דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע. פּאַלעסטינע איז אין פּראָגראַם פון די פּראַקטישע פּאַלעסטינצעס געקומען נישט אַזוי פיל פון אינערלעכע באַדינגונגען, פון דער אינערלעכער נויטווענדיקייט פון ייִדישן לעבן, וויפל פון דער אויסערלעכער מעגלעכקייט, ווײַל באַדינגונגען וואָס ליגן אויסער דעם ייִדישן לעבן מאַכן פּאַלעסטינע גינסטיקער. די פּרינציפּיעלע פּאַלעסטינצעס האָבן אַרײַנגענומען פּאַלעסטינע אַלס אינגרעדיענט פון ייִדישן לעבן. הגם זיי זענען געווען אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטן, נישט ערגער ווי פּראַקטישע, האָבן זיי דאָך אַנערקענט אַז דער אידעאָלאָגישער מאָמענט — דער צובינד פון פאָלק צום לאַנד — קאָן און מוז שפּילן אַ גרויסע ראָלע בײַ קאָלאָניזאַציע. זיי האָבן געטענהט אַז דער דאָזיקער מאָמענט האָט, אמת, אונטער זיך נישט קיין פּאָזיטיוון עקאָנאָמישן הינטערגרונט אין ייִדישן לעבן, ער האָט אָבער אַ נעגאַטיוון עקאָנאָמישן יסוד — דאָס נישט־צופּאַסן זיך, דאָס נישט־אַרײַנדרינגען פון אַלע שיכטן פון ייִדישן פאָלק אין די געהעריקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון די אַרומיקע פעלקער.

אַלס אַ געוויסע פּשרה צווישן דעם פּראַקטישן און פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם איז געקומען דער דעמאָלטיקער אַזוי גערופענער „פּראָגנאָסטישער פּאַלעסטיניזם" באָראָכאָווס (אין „אונדזער פּלאַטפאָרם"), וועלכער האָט זייער נישט באַפרידיקט די פּרינציפּיעלע פּאַלעסטינצעס. דער קאַמף צווישן די פאַרשידענע באַגרינדונגען פון פּאַלעסטיניזם, וואָס האָט לכתחילה שיר נישט געפירט צו אַ שפּאַלטונג, איז געווען פאַרשטענדלעך אין אָנהייב, בײַ די ערשטע טריט פון דער באַוועגונג. מיט דער צײַט, ווען די באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן סײַ אידעאָלאָגיש, סײַ פאַקטיש, האָט דער דאָזיקער קאַמף פאַרלוירן זײַנע שאַרפע פאָרמען, און הגם די אָפיציעלע שטעלונג פון דער פּאַרטיי איז אַ „פּראָגנאָסטישע", שטערט דאָס אָבער נישט צו זײַן אין דער באַוועגונג פיל חברים וואָס טראַכטן וועגן דעם אַנדערש. פּאַלעסטינע איז שוין אַרויס פון געביט פון טעאָריעס און איז געוואָרן אַ רעאַלער פאַקטאָר.

די פראַקציע פּועלי־ציון האָט סײַ אין פרײַבורג, סײַ אויפן קאָנגרעס גופא אין באַזעל, נישט געשפּילט קיין וויכטיקע ראָלע. ווי חברים האָבן מיר שפּעטער איבערגעגעבן, איז נאָכן קאָנגרעס פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די פּועלי־ציון אין דער שווייץ און באַלד נאָך דעם האָט זיך די פירנדיקע גרופּע אָנגעשטעקט מיטן סיימיזם. עס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן דער ברודערקאַמף אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, ווען אַלטע פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס, ווי אין יעקאַטערינאָסלאַוו, וויטעבסק און אַנדערע שטעט, זענען אַריבער צו די סיימיסטן.

די טרײַ־געבליבענע פּאַלעסטינצעס האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פּריוואַטע באַראַטונג אין בערלין (אין אויגוסט 1905). דאָ האָט עס מיך באָראָכאָוו צוגעצויגן צו דער אַרבעט. אונטער זײַן השפּעה בין איך אין משך פון אַ קורצער צײַט געוואָרן אַ „היסטאָרישער מאַטעריאַליסט".

באָראָכאָוו האָט צוגעצויגן אַלעמען מיט זײַנע פּערזענלעכע אייגנשאַפטן. עס האָט זיך געפילט בײַ אים די „ליבע צום נאָענטן", וואָס איז אַזוי זעלטן אַפילו בײַ אַ סך פון די וואָס זענען אַדורכגעדרונגען מיט דער „ליבע צום ווײַטן" — צו דער גאַנצער מענטשהײַט. באָראָכאָוו פלעגט אַרײַנגיין אין אַלע קליינע ליידן פון יעדן פון אונדז און באַמיִען זיך אונדז צו העלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. ער האָט שוין דעמאָלט געמאַכט אויף מיר אַן אויסערגעוויינלעכן אײַנדרוק מיט זײַן ענציקלאָפּעדישער בילדונג און באַהאַוונטקייט אין אַ סך געביטן, דערצו האָט ער געווירקט אויף אונדז מיט זײַן אומדערמידלעכער אַרבעטס־פעיִקייט. די פּאָר וואָכן אין בערלין זענען מיר אַלע געזעסן לעבן אים אין דער גרויסער, שיינער, קייזערלעכער ביבליאָטעק אין בערלין און יעדער האָט זיך פאַרנומען מיט זײַן זאַך. אין אָוונט פלעגט אונדז באָראָכאָוו דערציילן זײַנע פאָלקסטימלעכע מעשיות און זינגען ייִדיש־אוקראַיִנישע לידער.

מען האָט באַשלאָסן, אַז אַלע זאָלן תיכף צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד צוגרייטן דעם ערשטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. איך בין אָפּגעפאָרן דער ערשטער קיין וואַרשע, וווּ איך האָב געדאַרפט וואַרטן אויף ווײַטערדיקע דירעקטיוון. עס איז אַריבער אַ וואָך נאָך אַ וואָך און איך האָב קיין שום ידיעות נישט באַקומען. אין סעפּטעמבער־דעצעמבער 1905 האָט זיך צעפלאַקערט דער קאַמף צווישן די פּועלי־ציון און סיימיסטן אין רוסלאַנד, האָט מען וועגן פּוילן פאַרגעסן.

איך האָב זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו די וואַרשעווער פּועלי־ציון, צו וועלכע איך בין אויך געווען גײַסטיק נענטער, הגם שוין אַ ביסל אָנגעשטעקט מיט פּראַקטישן פּאַלעסטיניזם.

דער צענטער פון די וואַרשעווער פּועלי־ציון איז דעמאָלט געווען די דירה פון יצחקס מוטער, נאַלעווקעס 27, וווּ מיר פלעגן זיך אַלע צונויפקומען. דער קאָמיטעט איז, פאַרשטייט זיך, געווען קאָנספּיראַטיוו, אָבער די נענטערע חברים האָבן געוווּסט אַז אין קאָמיטעט גייען אַרײַן יצחק, בן־ציון און שמעון פייגעלע (פּרושיצקי).

אַרום דעם צענטער האָט זיך גרופּירט אַ קרײַזל פון אַ 20-15 אַרבעטער, תמיד באַוואָפנטע, וואָס זענען געווען כסדר גרייט אויסצופירן פאַרשידענע פאַראָרדענונגען און שליחותן פון קאָמיטעט. די באַציִונג צווישן דער גרופּע און דעם קאָמיטעט איז געווען אַ ריין חברשע האַרציקע. מ'האָט זיך באמת ליב געהאַט ווי ברידער. פון אָט דער גרופּע געדענק איך: שמואל איינבינדער, יצחק זייגערמאַכער (איצט קאָלאָניסט אין מתולה), אַברהם שנײַדער (אַ שוואַרצער בחור מיט פײַערדיקע אויגן, יוסף דוויד און זײַן שוועסטער־קינד

שמואל דוויד (איצט אין ארגענטינע), חייקע — אַ טיכטיקע פּראָפעסיאָנעלע טוערין — אַ מיטגליד פון דער באָיוווקע מרדכי גאָלדשמיד (אוסאָנאָוויטש — אַרבעט איצט אין „בצלאל" אין ירושלים), אלקנה (אַרבעט איצט אין דער קבוצה „אילת השחר"), יוסף זאַלצמאַן — אַ לעבעדיק־רירעוודיק חסדל אין אַ קאַפּאָטע, אַ האַנדלסאָנגעשטעלטער פון גענשע־גאַס — געהרגעט פון אַראַבער אין כנרת; און אַהרון אחרון חביב, דער שטילער, געלאַסענער ליבער „פּעטער לאָזער" — פינקעלשטיין. ער איז געווען עלטער פאַר אונדז אַלעמען און ער פלעגט אונדז באַרויִקן ווען מיר פלעגן זײַן אויפגערעגט (ער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין בן־שמן און געשטאָרבן אין ירושלים).

יענע צײַט געדענקט זיך מיר ווי דער אָנהייב פון דעם אויפבוי פון פּועלי־ציון אין וואַרשע. עס איז געווען באַלד נאָך דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט, ווען מען האָט אויף אַ פּאָר טעג פרײַ אָפּגעאָטעמט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע מאַניפעסטאַציעס. מיר זענען געווען מיט אַ דעמאָנסטראַציע אויף מאַזאָוויעצקע־גאַס. אַ קליינע גרופּע פון אַ מאַן 20 און אין מיטן אַ מיידל מיט עפּעס אַ רויט טיכל במקום אַ פאָן, האָט געשריגן אויף פּויליש: נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! מיר האָבן זי אַרומגערינגלט און געגאַנגען צו מאַרשאַלקאָווסקע. דער המון איז געוואָרן אַלץ גרעסער. אויף מאַרשאַלקאָווסקע איז אויף אונדז אַרויפגעריטן אַ גרופּע קאָזאַקן און האָט אונדז פאַרשפּאַרט אין אַ טויער. מיר האָבן זיך אַרויסגעקריגן, און ווידער איז געוואָרן דער המון גרויס. נאָענט בײַם ווינער וואָקזאַל האָבן מיר דערזען אַ מחנה רײַטער. מיר זענען געגאַנגען פאָרויס, די רײַטער האָבן זיך צו אונדז דערנענטערט און פּאַמעלעך, פאָרזיכטיק אַרײַן אין אונדזערע רייען און קיינעם נישט געטשעפּעט. מיר זענען געווען דערשטוינט. עס איז באַלד באַוווּסט געוואָרן דער אינהאַלט פון מאַניפעסט (דאָס איז געווען דעם 18טן אָקטאָבער), מיר האָבן דערפילט עפּעס אַ פרײַען גײַסט, און איבער די גאַסן פון וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן ציִען אַ גרויסער המון. די פּאָליציי האָט זיך באַהאַלטן. אַ גרופּע מענטשן האָבן געכאַפּט דעם באַרימטן פּריסטאַוו פון אַכטן צירקל, קאָנסטאַנטינאָוו, דאַכט זיך אויף פּאַנסקע־גאַס, אַרײַנגעשלעפּט אים אין אַ טויער, גענומען זידלען, מ'האָט אים אַראָפּגעריסן די שליפעס. ער האָט זיך פּרובירט אויסטענהן. מ'האָט אים געוואָלט אַוועקלייגן אויפן אָרט. מען האָט זיך אָבער באַנוגנט דערמיט וואָס מען האָט אים אָנגעשפּיגן אין פּנים און אים אָפּגעלאָזן מיט אַראָפּגעריסענע שליפעס.

איך געדענק נישט צי איז דאָס געווען פאַר דער דעמאָנסטראַציע אויף מאַרשאַלקאָווסקע, צי גאָר נאָך דעם: מיר זענען געווען אַ גרויסער המון אויפן באַנקפּלאַץ און עפּעס אַ גימנאַזיסט האָט זיך געשטעלט רעדן לעבן דעם לאַמטערן אַקעגן זשאַביע. באַלד האָבן מיר דערהערט אַ שיסערײַ, און דער גימנאַזיסט איז אַראָפּגעפאַלן. דעמאָלט איז אויך געהרגעט געוואָרן אַ גוטער באַקאַנטער סטודענט, יעלען.

אין אָוונט זענען די גאַסן געווען פול. אַ סצענע וואָס איך קאָן נישט פאַרגעסן: עפּעס אַ פּאָליאַק פון אַ יאָר 40, אַ הויכער, אַ דאַרער, איז געגאַנגען מיט אַ מיידעלע פון אַ יאָר 10 אויף מאַרשאַלקאָווסקי און גערעדט: „געדענק דעם טאָג, דו ביסט נאָך קליין, דו פאַרשטייסט נאָך גאָרנישט, אָבער אַז דו וועסט גרויס ווערן זאָלסטו געדענקען דעם טאָג ווען מיר האָבן פרײַ אָפּגעאָטעמט."

בײַ אַלע עקן גאַס זענען געווען אימפּראָוויזירטע מיטינגען, אין איין אָרט איז געשטאַנען אַ גרויסער ענדעקישער עולם און געשריגן: „נידער מיט די יִדן". רעדנער האָבן גערעדט, איינער האָט געפײַפט, אַ צווייטער האָט זיך פאַרן עולם פאַרענטפערט...

בײַ נאַכט איז דער המון געווען בײַם ראָטהויז אויפן טעאַטערפּלאַץ און בײַם פּאַוויאַק און האָט געפאָדערט צו באַפרײַען די אַרעסטירטע. בײַם פּאַוויאַק האָט מען פאַרזיכערט דעם עולם אַז מען וועט אַלעמען באַפרײַען און דער המון איז זיך צעגאַנגען. אויפן טעאַטערפּלאַץ האָט זיך אָנגעהויבן די שחיטה.

באַלד אויף מאָרגן האָט מען געשאָסן אין אַלע גאַסן, הונדערטער פאַרוווּנדעטע, געהרגעטע. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען שוידערהאַפטלעכע ידיעות וועגן די פּאָגראָמען אויף דער אינטעליגענץ און דער הויפּט אויף יִדן. די יִדישע באַפעלקערונג אין וואַרשע האָט אין משך פון עטלעכע וואָכן איבערגעלעבט די סכנה פון אַ פּאָגראָם.

מיר האָבן מיטגעהאָלפן אָרגאַניזירן די זעלבשוץ אין די הײַזער. אַלע מענער זענען בײַ נאַכט געווען אויף. צוויי האָבן געהיטן אין טויער. אחוץ דעם האָבן מיר אָרגאַניזירט אַן אייגענע זעלבשוץ. מיר האָבן געהאַט אַ 50־60 רעוואָלווערן און אָרגאַניזירט אַ זעקסזיבן גרופּעס צו צען מענטשן. אַלע גרופּעס זענען געזעסן אין פאַרשידענע טיילן פון יִדישן קוואַרטאַל (אויף מילע, דזשיקע, נאַלעווקעס, גענשע אא"וו).

איין נאַכט זענען מיר געזעסן בײַם פּעטער לאָזער, עק גענשע און דזשיקע, אין דער וווינונג פון מעכאַניקער טייטלבוים — אַן ס"סאָוויעץ, וועלכער האָט מיט אונדז גאַנץ גוט געלעבט. יעדע צוויי שעה האָבן מיר אַרויסגעשיקט אַ פּאַטרול. ביז איין פּאַטרול איז נישט צוריק געקומען, מען האָט אים אַרעסטירט.

אין דער זעלבער צײַט האָבן מיר אָנגעהויבן אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די אַרבעטער. מיר האָבן געגרינדעט אַ ריי גרופּעס וווּ מ'האָט געלערנט פּאָליטישע עקאָנאָמיע און זיך באַשעפטיקט מיט די פּראָבלעמען פון דער יִדישער אַרבעטערשאַפט. דער זאַמלפּונקט פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע איז געווען די קאַוויאַרניע בײַ הללן אויף גענשע 29, וווּ עס פלעגן זיך צונויפקומען אַ 150־200 מאַן. דאָרט האָט מען אויך געהאַלטן פאַרלעזונגען אין די צוויי קליינע צימערלעך הינטער דער קאַוויאַרניע.

אויף דער זעלבער גענשע און דזשיקע איז געווען אונדזער בערזע, וווּ מ'פלעגט דערלידיקן אַלע פּאַרטיי־ענינים. שפּעטער האָט מען די בערזע איבערגעטראָגן אויף נאָוואָליפּקע, צווישן דזשיקע און קאַרמעליצקע, אַקעגן דער צווייטער גימנאַזיע. לעצטנס פלעגט די פּאָליציי זייער אָפט פונאַנדערטרײַבן די בערזע. ספּעציעל האָט זיך אויסגעצייכנט אין דעם אַ גראָבער נידעריקער רעווירזאָווע, און עס איז אַפילו געווען אַ געדאַנק אים „אַוועקצולייגן".

צו יענער צײַט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטיקע אַנטוויקלונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. פאַר אונדז, פּועלי־ציון, איז געווען אַ שווערע אַרבעט. אונדז איז אויסגעקומען צו פירן אַ שווערן קאַמף מיטן בונד און ס"ס, וועלכע זענען שוין דעמאָלט געווען פאַרהעלטנישמעסיק גענוג שטאַרק. דער בונד איז געשטאַנען מיט אַ פעסטן פוס אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אַלס די עלטסטע יִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, און ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט דערלאָזן די ס"ס און פּועלי־ציון אַרײַנכאַפּן זיך אין דער באַוועגונג. דער בונד איז געשטאַנען פאַר פּאַרטייִישע פּראָפפאַראיינען. מיר און די ס"ס זענען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אומפּאַרטייִישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דער קאַמף פאַר פּאַרטייִשע אָדער אומפּאַרטייִשע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט זיך געפירט אויף דער יִדישער גאַס זייער שאַרף, כּלי־זין צום קאַמף האָבן ביידע צדדים געשעפּט פון דײַטשן אַרסענאַל. אין דײַטשלאַנד איז דער קאַמף געווען שוין אַן אַלטער, און דאָרט איז שוין געווען וועגן דער פראַגע אַ גענוג גרויסע ליטעראַטור. בעבעל, קאַוטסקי און אַנדערע האָבן אַרויסגערוקט זײַער אויטאָריטעט וואָרט אין דער פראַגע. דעם אמת געזאָגט, איז די פראַגע בײַ אונדז געשטאַנען גאָר אויף אַן אַנדערן שטח. אין דײַטשלאַנד האָט זיך געפירט דער קאַמף צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַראיינען און די קריסטלעכע. די פּאַרטיידיקער פון די פּאַרטייִשע פאַראיינען זענען געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט אַז די פּאָליטיק פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג מוז זײַן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, די פּאַרטיידיקער פון די אומפּאַרטייִשע זענען אַרויסגעגאַנגען פון דעם שטאַנדפּונקט אַז דער פאַראיין מוז אַרומנעמען אַלע אַרבעטער פון פאַך, אָן אונטערשיד פון איבערצײַגונג. בײַ אונדז ווידער איז נישט געווען קיין ספק צי זאָל די פּאָליטיק פון פאַראיין זײַן אַן ס"דעקישע. דאָ איז דאָך פאָרגעקומען אַ קאַמף אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גופא, און עס האָט זיך געהאַנדלט אין דער העגעמאָניע פון דער אָדער יענער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דערפאַר האָט מען נישט געקאָנט אַריבערטראָגן צו אונדז די טענות פון דער דײַטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָן ענדערונגען. כאַראַקטעריסטיש איז דערבײַ, אַז די פּפּ"ס, דעמאָלט די שטאַרקסטע פּאַרטיי צווישן די פּוילישע אַרבעטער און מיט גרויס השפּעה אַפילו צווישן די יִדישע אַרבעטער (יִדישע פּפּ"ס), האָט פאַרטיידיקט אומפּאַרטייִשע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, בשעת די דעמאָלט זייער שוואַכע פּס"ד איז דווקא געשטאַנען פאַר פּאַרטייִשע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דורכפירנדיק אַ שטרײַק אין אַ פאַך, האָט די פּס"ד באַלד דעם

גאנצן פאך פארשריבן פאר אירע מיטגלידער (זיי האבן טאקע געצאלט פארטיי־שטייער).

צו יענער צייט האבן מיר שוין געהאט א פאר דורך אונדז ארגאניזירטע פאראיינען. דער ערשטער און דער עלטסטער פון זיי איז געווען דער פאראיין פון די קעלנערס, ווייטער די מעלערס (די פורמאנעס פון מעל), די טאנדעט־נייטארינס און נאך א פאר קלענערע פאראיינען. עס פארשטייט זיך אז מיר האבן געמוזט ארגאניזירן קודם־כל די פאכן וואס זענען נאך נישט געווען ארגאניזירט דורכן בונד. מיר האבן זיי געמוזט פארכאפן. דער בונד האט אבער געהאט קעגן אונדז די מעלה וואס ער האט שוין געהאט די דערפארונג און, אגב, דעם נאמען, די אלטע פירמע, פון איינציקן פארשטייער. זיינע פראפעסיאנאליסטן זענען געווען געניטער פון אונדזערע. דעם אמת געזאגט, זענען מיר נישט געווען שטארק באהאוונט אויך אין דער טעאריע פון דער פראפעסיאנעלער באוועגונג.

אונדזער קאמיטעט האט מיך א מאל געשיקט פארטיידיקן דעם שטאנדפונקט פון אומפארטייאישע פאראיינען. איך האב זיך געוואלט אפזאגן, ווייל איך האב באמת ווייניק געוווּסט אין דעם גאנצן ענין, האט מען מיר געגעבן א פאר בראשורן (איך געדענק בעבעלס און קאוטסקיס און נאך עפעס א צוויי) און מיר געהייסן ביז מארגן ווערן א דערפארענער פראפעסיאנאליסט.

די ערשטע שריט זענען זייער שווער געווען, אבער אין דעם טאג־טעגלעכן לעבן אין די פאראיינען האבן אונדז געלערנט די ארבעטער, וועלכע האבן אן טעאריעס פארשטאנען דעם ענין בעסער פאר אונדז, אינטעליגענטן. דאס זענען געווען דער הויפט יצחק זיידערמאכער, שמואל איינבינדער, חייקע, יששכר פאסקעמאכער (באנטשיק — אין אמעריקע) און אנדערע.

די אלע ארבעטן האבן געפאדערט פינאנציעלע מיטלען. פון וואנען האט מען זיי גענומען? א פאר חברים זענען שוין געווען פראפעסיאנאלן און געקריגן 3־4 רובל א וואך. קיין מיטגליד־אפצאלונגען געדענק איך נישט, אבער דערפאר געדענק איך אז איך פלעג מיט צוויי ארבעטער ארומגיין צו די בורזשויעס און פארלאנגען קאטעגאריש די סומע וואס דער קאמיטעט האט פאר זיי באשטימט.

די בורזשואזיע האט צו יענער צייט פון איין זייט געהאט פאר אונדז דרך־ארץ, ווייל זי האט אין אונדז געזען די קעמפערס פאר דעמאקראטישער פרייהייט וועלכע האט אויך איר געשמייכלט, און פון דער אנדערער זייט האט זי א ביסל מורא געהאט פאר די באוואפנטע ארבעטער. אויף אזא אופן האט מען געהאט מיט וואס צו דעקן די לויפנדיקע הוצאות.

דער קאמף מיט די סיימיסטן האט אונדז קנאפ באשעפטיקט. מיר האבן געהערט וועגן דער שפאלטונג וואס איז פארגעקומען דארט ווייט, ערגעץ אין ליטע און אין דרום־רוסלאנד. צו אונדז אין די ארגאניזאציעס האבן זיי זיך, כ׳ווייס נישט פאר וואס, נישט גערוקט.

חוץ איין איינצלפאל, כ׳דערמאן מיך: א מאל האט מען מיך גערופן אין קאמיטעט. אינעם הינטערשטן צימער אויף נאלעווקעס האב איך געטראפן בן־ציונען, יצחקן, שמעונען, יאניען, יאשע טראכטענבערגן (א סטודענט אין פאליטעכניקום. איך האב אים שפעטער געטראפן אין רוסלאנד אלס אינזשעניער אין דער ארמיי; ער האט דארט פארנומען א וויכטיקן פאסטן אין ראט, און זיך געקליבן פארן קיין פאלעסטינע), דוד בלאכן (אפרים בלומענפעלד, דער פירער פון „פאלעסטינע־ארבעטער־פאנד" אין משך פון לאנגע יארן אין פאלעסטינע, איצט אין אחדות העבודה) און לסוף ירמיהון (חיים אייזנשטיין — א פעיקער רעדנער און פובליציסט, איצט א גוטער סוחר).

ביים טיש איז געזעסן נאך עמיץ, עפעס אן אומבאקאנטער בחור פון א יאר 23. א קליינער, א דיקער אין ברילן. מ׳האט מיר אים פארגעשטעלט אלס חבר גור־אריה. מיר איז גלייך אויפגעפאלן דער באקאנטער סיימיסטישער נאמען.

ס׳האט זיך אנגעהויבן אן שמועס מיטן חבר גור־אריה פון וואנען איז ער, וואס וויל ער ביי אונדז? ער האט עפעס געשטאמלט און ס׳איז געווען שווער ארויסצוקריגן ביי אים קלארע דבורים.



מיר האבן אין דער זעלבער צייט זיך פארגעשטעלט די סכנה וועלכע דראט טאקע מצד אט דעם בחור; מיר האבן זיך גענוג אנגעהערט וועגן די סיימיסטן, ווי זיי רייסן זיך אריין אין ארגאניזאציעס אלס פועלי־ציון און מאכן א תל פון זיי. האבן מיר זיך נישט לאנג מישב געווען, גענומען צוויי פון אונדזערע גוטע בחורים, זיי זאלן דעם חבר גור־אריה באגלייטן צום באן, קויפן א בילעט אין טיף־רוסלאנד, מטריח זיין זיך און ארייננזעצן אים אין וואגאן און נישט אפטרעטן ביז דער צוג וועט אוועקגיין. אזוי האבן מיר ארויסגעפטרט דעם „סיים" פון פוילן. מער האבן מיר שוין קיין מאל נישט געהאט צו טון מיט די סיימיסטן, אויסער איין פאל, וועגן וועלכן איך וועל שפעטער דערציילן.

די ארגאניזאציע האט זיך שוין געהאט פונאנדערגעוואקסן. מיר האבן געציילט עטלעכע הונדערט מיטגלידער. דער קאמיטעט האט אנגעהויבן קלערן וועגן פארבינדן זיך מיט דער פראווינץ און באשאפן אן ארגאניזאציע אין גאנץ פוילן. מיט לאדזש ווו עס האבן געארבעט די חברים אריה (וויקטאר) און מוליע, מיט וולאצלאוועק, ווו עס האט געארבעט קינא דער עלטערער, און מיט קעלץ, ווו עס האט געארבעט קינא דער יינגערער (פעליקס) — זענען מיר שוין געשטאנען אין פארבינדונג. דער קאמיטעט האט ארויסגעשיקט א פאר חברים אין דער פראווינץ. צווישן זיי: מיך אין וולאצלאוועק, יארבלומען אין לובלין און אין אנדערע שטעט. אין לובלין איז אריבער צו אונדז איינער פון די וויכטיקסטע ארבעטער פון „בונד", דער חבר ראזענטאל — מארקס איניקל, ווי מען האט אים דעמאלט גערופן.

נאך אזא צוגרייטנדיקער ארבעט איז אויף דעצעמבער צונויפגערופן געווארן אין ווארשע דער ערשטער צוזאמענפאר אין פוילן. אויף וויפל איך קען זיך דערמאנען, זענען געווען פארגעשטעלט: ווארשע (בן־ציון, שמעון, איך אלס גאסט), לאדזש (מוליע, וויקטאר), קעלץ (פעליקס), לובלין, וולאצלאוועק (קאוואלסקי), טשענסטעכאוו (רוזשע פרישיצקא), קאליש (אברהם קאלישער — א. וויעוויארקע), פלאנסק (דוויד גרין — בן־גריון, אנגעזעענער פירער פון אחדות העבודה), און נאך איניקע שטעט. דאן איז אפיציעל געשאפן געווארן „דער יידישער סאציאל־דעמאקראטישער ארבעטער־פארבאנד פועלי־ציון — אין פוילן". אין ערשטן פארבאנדס־קאמיטעט זענען אריין בן־ציון, שמעון, אריה (וויקטאר).

צו יענער צייט איז צוריקגעקומען פון רוסלאנד אונדזער חבר אלטער גאטליב, וועלכער האט באוויזן אין רוסלאנד מגולגל צו ווערן אין א סיימאוויטש. אויף א פאר פארזאמלונגען האט ער געפרווט אויפקלערן די חברים דעם „נייעם אמת", אבער אן דערפאלג. דאך האט גאטליב געפונען פאר זיך א גינסטיקן באדן אין דער רייין ארגאניזאציאנעלער אפאזיציע, וועלכע איז, צו יענער צייט, אנטשטאנען אין דער ווארשעווער ארגאניזאציע. דער קאמיטעט איז דעמאלט געווען געקליבן בלויז דורך א קליינער גרופע חברים. מיטן וווּקס פון דער ארגאניזאציע האט מען אויפן קאמיטעט אנגעהויבן קוקן, ווי אויף „סאמאזוואנצעס" און איניקע האבן געווארפן דעם לאזונג „דעמאקראטיזאציע". דער קאמיטעט זאל געוויילט ווערן פון דער גאנצער מאסע. אגב איז מען געווען אומצופרידן מיט א סך איינצלנע מעשים פון קאמיטעט. א סך חברים האבן זיך געווענדט צו מיר, זיכער אז איך (א סטודענט) בין אוודאי אין קאמיטעט. ווען איך האב באמת נישט געקענט ענטפערן, האט מען מיך חושד געווען אז איך שפיל זיך אין „קאנספיראציע".

די „אפאזיציע" האט אנגעפירט ישראל וועשער (וועלכער איז נישט לאנג אריבער צו אונדז פון בונד) און אליהו עסטרין. גאטליב איז צוגעשטאנען צו דער אפאזיציע מיט דער כוונה זי אויסצונוצן און שפאלטן די ארגאניזאציע.

דאס אלץ האט געצוווּנגען דעם קאמיטעט צונויפצורופן סוף־כל־סוף אן אלגעמיינע פארזאמלונג דעם 5טן יאנואר 1906 אין הללס קאוויארניע. געקומען זענען א 150 חברים.

עס איז שווער צו זאגן מיט וואס דער גאנצער ענין וואלט זיך אויסגעלאזן, ווען עס מישט זיך נישט אריין פאליציי. גלייך ביים אנהייב פון דער פארזאמלונג זענען אראפגעקומען א 25 וואלינצעס מיט א פריסטאוו פון 5טן צירקל בראש.

די זעלנער בכלל האבן זיך באצויגן צו דער גאנצער באפעל־

קערונג זייער שלעכט. די גאנצע שטאָט איז ביי זיי באַשטאַנען פון „בונטאָווטשיקעס־אַגיטאַטאָרן”, ווייל סיי די פּאָליאַקן סיי די ייִדן זענען געווען „פּרעמדע”. צווישן די זעלנער האָבן זיך בפרט אויסגעצייכנט די וואָלינצעס (זייערע קאַזאַרמעס זענען געווען אויף פּשעיאַזד). זיי האָבן געווילדעוועט ווי אמתע רוצחים. אָט די דאָזיקע וואָלינצעס זענען עס אַראָפּגעקומען צו אונדז.

מען האָט אָנגעהויבן אַלעמען צו באַזוכן. אַ מיידל לעבן מיר האָט געקריגן היסטעריקע. האָב איך געבעטן אַ זעלנער, ער זאָל איר ברענגען וואַסער. ער האָט נישט געענטפערט. ווען איך האָב זיך געווענדט מיט דער זעלבער בקשה צום פּריסטאַוו, האָט ער דעם זעלנער געהייסן געבן מיר מיטן באַגנעט. דערזעענדיק אַז דאָס וויינט דאָס מיידל, האָט ער געהייסן געבן איר מיטן באַגנעט. דער זעלנער האָט צופעליק נישט געפאָלגט, אָבער אויפן מיידל האָט עס געווירקט בעסער ווי וואַסער. זי איז תיכף אַנטשוויגן געוואָרן.

איינעם אונדזערן אַ חבר פון דווינסק (דעם שפּעטערדיקן רעדאַקטאָר פון „לאָדזשער פאָלקסבלאַט” — ל. קאָהאַן) האָט דער פּריסטאַוו מכבד געווען מיט צוויי פּעטש. ס'איז דערגאַנגען צו מיר. „דו, געלער אַגיטאַטאָר, דיך קען איך שוין פון לאַנג”. איך האָב נאַיִוו געענטפערט דאָס איך זע אים צום ערשטן מאָל, האָט ער מיר שוין דערלאַנגט צוויי פּעטש: „דו וועסט מיר נאָך דברן”.

מ'האָט אונדז אַלעמען באַזוכט און אָפּגעשיקט אין צירקל. מ'האָט ברייט געעפנט דאָס טויער און דער פּריסטאַוו האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

„אַ טיעפּער, בראַטצי, נאַדאַיטיע אים ניעמנאָגאָ”.

(און איצט ברידערלעך דערלאַנגט זיי אַ ביסל).

די זעלנער האָבן זיך אויסגעשטעלט אין טויער פון בײדע זײַטן און, האַלטנדיק די ביקסן פאַר די שטיקעס, אָנגעהויבן קלאַפּן דעם עולם, וואָס האָט געמוזט דורכגיין. מרדכי אוסענאָוויטשן האָט מען צעלעכערט דעם קאָפּ.

אַרײַנקומענדיק אינעם קליינעם קײַלעכטיקן הויף האָט זיך אונדזער חברה, וואָס איז שוין משמעות געווען באַהאַוונט אין דער טאָפּאָגראַפּיע פון צירקל, אַ לאָז געטון צום צימער פון דעזשורני. איך און אַנדערע, וואָס זענען דאָ צום ערשטן מאָל געווען, האָבן נישט געוווּסט ווו זיך אַהינצוטאָן. די זעלנער פון הינטן שטופּן. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן הויף, איז צו מיר מיט אַ מאָל צוגעלאָפן אַ זעלנער און צוויי מאָל נאָכאַנאַנד מיר אַ האַק געגעבן איבער די פּלייצעס מיטן באַגנעט. איך האָב געשוויגן און ער האָט זיך באַרויִקט.

די וואָס זענען אַרײַן אינעם דעזשורנעם צימער האָט מען רעגיסטרירט. מיר זענען געבליבן אויפן הויף אַרומגערינגלט מיט זעלנער.

אין אַ 10 מינוט אַרום איז אַרויס אין הויף דער פּריסטאַוו מיט אַ טענה: ווו איז דאָ דער געלער אַגיטאַטאָר? איך האָב זיך געשלאָגן מיט דער דעה: אַרויסגיין אָדער נישט. אויב גיין, וועט ער טענהן, אַז איך בין זיך דערמיט אַליין מודה דאָס איך בין דער געלער אַגיטאַטאָר. זאָל איך נישט אַרויס גיין, וועט ער מיך שלאָגן דערפאַר וואָס איך האָב זיך נישט אָפּגערופן. איך בין אַרויס און געזאָגט אַז אויב ער זוכט מיך, בין איך דאָ.

ער האָט מיך אַרײַנגעפירט אינעם דעזשורנעם צימער און געהייסן מיך פאַרשרײַבן „אויסער דער ריי”. איך האָב זיך פאַרשריבן נישט אַלס סטודענט, נאָר „ביי די עלטערן” — איז ווידער שלעכט. „אַ לידיק־גייער”, האָט געליאַרעמט דער פּריסטאַוו, ”טוט גאָרנישט און פאַרנעמט זיך מיט אַגיטאַציע”. ער האָט מיר געהייסן בלײַבן אין צימער, בשעת אַלעמען האָט מען נאָכן פאַרשרײַבן געפירט ערגעץ ווײַטער, „אַז מען וועט ענדיקן, — האָט ער געזאָגט — וועל איך זיך מיט דיר אָפּרעכענען”.

צו יענער צײַט האָט מען דערציילט אַז אין די צירקלען ווערן פאַרפאַלן מענטשן. ס'איז געווען די ערגסטע צײַט פון דער רעאַקציע, ווען די כוליגאַנעס האָבן זיך נוקם געווען פאַר די פּאָר טעג „פרײַהייט”. איך האָב פאַרשטאַנען אַז מיט מיר קאָן זײַן נישט גוט. איך בין געזעסן און געוואַרט. דער רעווירנאָווע, וואָס האָט פאַרשריבן,



פלעגט אין מיטן דערינגען פון העלער הויט וואָרפן צינישע ווערטער. די מיידלעך זענען רויט און בלאַס געוואָרן און דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ סך הנאה. מ'האָט שוין דערווײַל כמעט אַלעמען פאַרשריבן, אין צימער זענען נאָך פאַרבליבן אַ מאַן 5־6. בין איך צוגעגאַנגען צו אַן אַנדערן רעווירנאָווע, נאָכן אויסזען אַ פּאָליאַק, און אויף פּויליש געבעטן אים, ער זאָל גיין צום פּריסטאַוו אַליין, נישט צום געהילף, פרעגן, לויט וועמענס פאַראָרדענונג האָט מען מיך דאָ איבערגעלאָזט. צי איז דעם פּאָליאַק געפעלן געוואָרן וואָס איך רעד מיט אים פּויליש (איך האָב אויף דעם אויסגערעכנט), צי צוליב אַן אַנדער סיבה, אָבער ער איז אַוועק און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז געקומען דער געהילף־פּריסטאַוו און האָט מיך אַוועקגעפירט צו אַלע חברים אין צווייטן צימער.

עס האָט געמוזט זײַן צווישן אונדז אַ פּראָוואָקאַטאָר, וואָרעם פון די 150 מאַן אַרעסטירטע האָט די פּאָליציי אויסגעקליבן בלויז אַ 40 מאַן, די בעסטע און אַקטיווסטע חברים, און זיי פאַרהאַלטן. די אַנדערע האָט מען פון די צירקלען אויף מאָרגן אַרויסגעלאָזט. אונדזערע 40 האָט מען אָפּגעפירט אויף מאָרגן אין ראָטהויז. צווישן אונדז געדענק איך דעם באַרימטן איצט אין אַמעריקע מאָזדזשעוויעצקי — אַ גרויסער געזונטער בחור, אַ ביסל אַן אומנאָרמאַלער, אָבער אַן איבערגעגעבענער חבר.

אין ראָטהויז איז געווען אויסערגעוויינלעך שמוציק, זענען מיר אָפּגעזעסן אַ נאַכט אויף די פּעקלעך וועלכע מ'האָט שוין כמעט יעדן צוגעשיקט פון דער היים. די צווייטע נאַכט האָבן מיר זיך אַ ביסל אײַנגעאָרדנט און געלייגט שלאָפן. מיר האָבן אָבער נאָך נישט באַוויזן צו פאַרמאַכן די אויגן, האָט מען אונדז זיך געהייסן אָנטאָן, אַראָפּגעפירט ערגעץ אין אַ קעלער אויף היי און מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן. פון די פענצטער אויבן האָט גערונען און דאָס היי איז געווען נאַס.

אַ זייגער דרײַ ביי נאַכט האָט מען אונדז ווידער אויפגעוועקט און זיך ווידער געהייסן אָנטאָן. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז מען וועט אונדז פירן אין ציטאַדעל. אין שטאָט האָט מען שטאַרק גערעדט דערפון (נאָך פאַר אונדזער אַרעסט), אַז ביי נאַכט, ווען מען פירט די אַרעסטירטע אין ציטאַדעל, שלאָגט מען זיי. מען האָט שוין אַ פּאָר מענטשן געהרגעט. מיר האָבן גענומען רעדן מיטן נאַטשאַלניק פון ראָטהויז — אַ דיקן אָפיציר, קאַלענדאַ, ער איז דעמאָלט געווען באַרימט אין וואַרשע — אַז מיר האָבן מורא, מ'וועט אונדז הרגענען אויפן וועג. ער האָט אונדז געגעבן זיין ערן־אָפיצירן־וואָרט, אַז מען וועט אונדז נישט אָנרירן.

מ'האָט אונדז אויסגעשטעלט צו פיר אין דער ריי, אַן ערך הונדערט רייען, און געפירט האָבן אונדז ווידער וואָלינצעס. לאָזנדיק זיך אין וועג אַרײַן האָט דער אָפיציר געהאַלטן אַ דרשה צו די זעלנער און אויפגעפאָדערט אַז בײַם ערשטן סימן פון ווידערשטאַנד, פון נישט פאָלגן, אָדער פון נישט גיין אין די רייען זאָלן זיי שיסן. מ'האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן.

כל־זמן מיר זענען געגאַנגען איבער דער שטאָט איז געווען נישקשה. אָבער ווי נאָר מיר זענען אַרויס הינטער דער שטאָט, אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן צו הערן געשרײַען פון אַלע רייען. איין מאָל האָט זיך דער אָפיציר אויסגעדרייט און געפרעגט, וואָס איז דאָרט? האָט אים דער זעלנער געענטפערט „שיכור, וואַשע וויסאָקאָראָדיע”. די צאָל פון אַזעלכע „שיכורים” איז כסדר געוואַקסן. די זעלנער האָבן זיך אָנגעהויבן צו טשעפּען, פאַר וואָס מ'האָט אַ פּעקל, פאַר וואָס מ'גייט אין ברילן, וכדומה. אַ פּיראָוויגיקער אַגיטאַטאָר! האָבן זיי אויף מיר און אויף אַנדערע באַברילטע געשריגן און געגעבן קלעפּ מיט דער האַנט איבערן קאָפּ, איבערן פּנים, מיט דער ביקס איבער דער פּלייצע, מיטן פוס און קני פון הינטן און נאָך אויף פאַרשידענע אופנים.

אויסגעמאַטערטע, צעהרגעטע, קוים אויף די פיס, זענען מיר געקומען אין ציטאַדעל. די גליקלעכערע פון אונדז זענען געהאָלפן געוואָרן און אַרײַן אין פאָרט נ' 3. דאַכט זיך, אונדזער גאַנצע חברה האָט זיך געמוזט שלעפּן נאָך אַ האַלבע שעה ביזן פאָרט נ' 4 און ווידער געקראָגן קלעפּ.

ווען מיר זענען 7 אין דער פרי אַרײַן אין פאָרט און דערצו נאָך געטראָפן אַ פּאָר חברים, פריִער אַרעסטירטע, האָבן מיר זיך

געפילט גליקלעך. איך האָב דאָרטן געטראָפן דעם פעטער לאָזער, דעם מעכאַניק פינקעלשטיין, בנימין פינקעל (איצט אין אַמעריקע) און ירמיהון.

נאָך אַ וואָך אין פעסטונג האָט מען אונדז אַריבערגעפירט קיין מאָדלין — צוויי שעה מיט דער באַן הינטער וואַרשע. אויפן וואָקזאַל האָבן מיר געזען אַלע אונדזערע קרובים און פרײַנד. מיר זענען אָבער געזעסן אין איין פּחד, ווײַל מיר האָבן נאָך גוט געדענקט דעם וועג פון ראָטהויז אין ציטאַדעל אַרײַן, און ווען מ'האָט אונדז אין מאָדלין אויפן באַן ווידער אויסגעשטעלט און אין דער פינצטערניש געפירט דורך אַ וואַלד, זענען מיר געווען זיכער אַז דאָ וועלן מיר שוין בלײַבן. געפירט האָבן אונדז אָבער נישט קיין וואָלינצעס, און נישט קיין גוואַרדייצעס בכלל, נאָר זעלנער פון דער פעסטונג גופא, זענען מיר אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

מיר זענען געקומען אין די הויכע, ליכטיקע, וואַרעמע קאַמערן מאָדלין אויפן ערשטן שטאָק און ווידער געפינען חברים וואָס מ'האָט פריִער אַהין אַריבערגעפירט. מ'האָט אָנגעהויבן אַרויסמען די פּעקלעך, וואָס די קרובים האָבן אָנגעגעבן אויפן וואָקזאַל אין וואַרשע, איז ווידער געוואָרן פרייליך אויפן האַרצן.

אין מאָדלין זענען מיר געבליבן אַלע העכער 3 חדשים. דער גאַנצער קאָמיטעט איז געווען אַרעסטירט: יצחק, בן־ציון, דוויד בלאָך, איך, בנימין עפראָן (איצט אַ פאָלקיסט), פעטער לאָזער און אַנדערע, אויך גאָטליב איז געווען מיט אונדז. געבליבן פרײַ זענען נאָר שמעון פייגעלע פון קאָמיטעט און דיביידע לידערס פון דער אָפּאָזיציע, ישראל וועשער און אליהו עסטרין. דאָ אין מאָדלין האָבן מיר געהאַט אַ סך צײַט זיך אויסצוטענהן. מיר האָבן איבערגעלאָזט די זאַך ביז דער צײַט ווען מיר וועלן פרײַ ווערן.

דאָס לעבן אין דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך נישט אָפּגעהאַקט. אדרבא, די אַרבעט איז נאָך אינטענסיווער אָנגעגאַנגען. שמעון פון איין זײַט און די אָפּאָזיציע פון דער אַנדער זײַט האָבן זי פאָרגעזעצט, נאָר ביידע צדדים האָבן באַשלאָסן אָפּוואַרטן מיטן סכסוך ביז וואַנען מיר אַלע וועלן פרײַ ווערן.

דער גאַנצער עולם אונדזערער איז אָפּגעזעסן אין פעסטונג אַ דרײַ חדשים. פּסח צום סדר האָט מען זיי באַפרײַט, איבערגעלאָזט 6, צווישן זיי מיך, אויף ווײַטער. ס'האָבן נישט געהאָלפן אונדזערע פּראָטעסטן. מיר זענען אָפּגעזעסן נאָך אַ פּאָר וואָכן.

נאָך דער באַפרײַונג האָט מען מיר מיטגעטיילט, נאַטירלעך גאַנץ קאָנספּיראַטיוו, אַז כ'בין קאָאָפּטירט אין קאָמיטעט. אויף דעם סדר־היום פון דער ערשטער זיצונג איז געשטאַנען די פראַגע וועגן דער אָפּאָזיציע, וועלכע איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן העזהדיקער און געפערלעכער. איך האָב פאַרגעסן פריִער אָנצוווײַזן אַז די אָפּאָזיציע האָט מיט דער צײַט אַרויסגערוקט אַ פּרינציפּיעלן מאָטיוו. אויך ישראל וועשער און אליהו עסטרין האָבן זיך לכתחילה געהאַלטן פאַר פּראַקטישע פּאַלעסטינצעס, און אַזוי ווי צו יענער צײַט איז שוין אַרויס אין פּאָלטאַווע „די יידישע אַרבעטער כראָניק" מיט באָראָכאָווס „אונדזער פּלאַטפאָרם"— וועלכע האָט פאָרמולירט דעם פּאַלעסטיניזם אַלס „פּראָגנאָסטישן", האָט אונדזער אָפּאָזיציע זיך אויך פאַרוואַנדלט אין אַ „פּראָגנאָסטיש־פּאַלעסטינישער". דער פּראָגנאָסטישער פּאַלעסטיניזם איז דעמאָלט לויט באָראָכאָוון, באַשטאַנען אין דעם אַנאַליז פון דיווירטשאַפטלעכע אייגנשאַפטן פון פּאַלעסטינע, פון איר „אינטערנאַציאָנאַלן האָטעל־כאַראַקטער", אין דעם וואָס זי איז אַ האַלב אַגראַר, האַלב קאַפּיטאַליסטיש לאַנד — דער לעצטער מאָמענט איז נאָך עד היום בײַ אונדז נישט איבערגעוווּנדן.

צו דער צײַט איז שוין געהאַט פאָרגעקומען (אין פעברואַר אין פּאָלטאַווע דער ערשטער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי „פּועלי־ציון" אין רוסלאַנד (די קלאַמערן אין וועלכע עס זענען שפּעטער אַרײַנגעשטעלט געוואָרן די ווערטער „פּועלי־ציון" זענען צוגעגעבן געוואָרן לויטן באַשלוס פון צווייטן צוזאַמענפאָר אין קראָקע, זומער 1907).

אויף דעם צוזאַמענפאָר זענען פון אונדזער פּוילישן פאַרבאַנד געפאָרן שמעון און מוליע. זיי האָבן דאָרטן נישט איבערגענומען קיינע התחייבות און האָבן נאָך נישט דערקלערט וועגן דעם אַרײַנטריט פון פאַרבאַנד אין דער פּאַרטיי, צוליבן פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם. די אָפּאָזיציע האָט אויך אָט דעם מאָמענט געפּרוּווט אויסנוצן, הגם איר אָפּיציעלער באָדן איז אַלץ געבליבן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּרינציפּ.

אין קאָמיטעט האָט געהערשט אַ מיינונג אַז מען דאַרף פירן דעם קאַמף מיט דער אָפּאָזיציע ווײַטער. די דאָזיקע מיינונג האָט, אויב איך האָב נישט קיין טעות, פאַרטיידיקט שמעון, וועלכער איז געווען פאַרביטערט פון קאַמף. אים האָט אונטערגעהאַלטן יצחק. איך האָב פאָרגעשלאָגן מ'זאָל דורכפירן די „דעמאָקראַטיזירונג" פון דער אָרגאַניזאַציע, און אויף אַזאַ אופן אָפּנעמען דעם אָפּיציעלן מאָטיוו פאַר אָפּאָזיציע. בן־ציון איז נוטה געווען צו מײַן מיינונג. עס איז נאָר געווען די פראַגע ווי אַזוי דאָס דורכצופירן אַז אַלע זאָלן זײַן צופרידן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַז דער קאָמיטעט וועט נאָמינירן אַ קאָמיסיע פון 7 חברים: 3 פון דער אָפּאָזיציע, 3 פון דער קאָמיטעט־ריכטונג און איינעם אַ נייטראַלן חבר.

אין דער קאָמיסיע זענען אַרײַן: ישראל וועשער, אליהו עסטרין און יששכר ווײַנטרויב פון דער אָפּאָזיציע; פעטער לאָזער, אברהם שנײַדער און איך — פון קאָמיטעטס צד, און דוויד בלאָך אַלס דער נייטראַלער „בורר". אונדזער אויפגאַבע איז געווען אויסצואַרבעטן אַן אָרגאַניזאַציאָנס־סטאַטוט פאַר דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע. 2 טעג, שבת און זונטיק, זענען מיר געזעסן אָן הפסקות אין דער שול „יהודית" אויף נאַוואָליפּיע 25 ווו די פּראָוואַלטערין איז געווען מײַן שוועסטער. דעם סטאַטוט וואָס מיר האָבן געבראַכט האָט דער קאָמיטעט אין גאַנצן באַשטעטיקט.

אויף וויפל איך דערמאָן זיך, איז דער אינהאַלט פון דעם אָרגאַניזאַציע־סטאַטוט באַשטאַנען אין דאָס ווײַטערדיקע: די אָרגאַניזאַציע באַזירט זיך אויף גרופּעס פון 10־15 חברים, וועלכע ווערן אָרגאַניזירט לויט די פאַכן און אין די פאַכן גופא. יעדער גרופּע האָט אירע פאַרלעזונגען, ספּעציעלע לעקציעס, קלײַבט מיטגלידס־אָפּצאָלונגען און האָט אירס אַ פאָרשטייער אויף פאַרבינדונגען מיט די העכערע אינסטאַנצן. די פאָרשטייער פון אַלע גרופּעס בילדן די אַזוי גערופענע צענטראַלע סכאָדקע, וועלכע איז דער געזעץ־געבערישער אָרגאַן פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע. די צענטראַלע סכאָדקע קלײַבט זיך צונויף איין מאָל אַ חודש. זי קלײַבט עס קאָנספּיראַטיוו אויס דעם קאָמיטעט, וועלכער דאַרף באַשטיין פון דרײַ חברים. בכדי די רעזולטאַטן פון די וואַלן זאָלן זײַן קאָנספּיראַטיוו, קלײַבט די צענטראַלע סכאָדקע אויס אָפּן נאָר איין מענטש — דאָס איז דער פאַרמיטלער צווישן דער סכאָדקע מיט דעם קאָמיטעט. באַקומט זיך אַז יעדער חבר קען דירעקט נאָר זײַן אייגענעם פאָרשטייער, מער קיינעם נישט. אַלע פאָרשטייער קענען נאָר דעם איינעם פאַרמיטלער, דער פאַרמיטלער ציילט די צעטלען, איז מודיע דעם רעזולטאַט פון די וואַלן נאָר די וואָס זענען אויסגעקליבן געוואָרן אין קאָמיטעט און נאָר ער קען דעם קאָמיטעט.

דער קאָמיטעט האָט באַשטעטיקט דעם סטאַטוט און זיך דערקלערט פאַר אויפגעלייזט. די אָרגאַניזאַציאָנעלע קאָמיסיע פון די 7 חברים האָט געדאַרפט דורכפירן די רעאָרגאַניזאַציע. אין משך פון איין וואָך האָבן אַלע פאַכן געהאַט זייערע גרופּעס (די גרופּעס האָבן עקסיסטירט טיילווײַז פון פריִער) און די גרופּעס האָבן אויסגעקליבן פאָרשטייער. דעם נאָענסטן שבת, דעם 5טן מײַ 1906, איז אויף דזשעלנע־גאַס נומער 3 פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון דער צענטראַלער סכאָדקע, וועלכע האָט דערליידיקט אַ סך ענינים, פון וועלכע איך געדענק אָבער נאָר די וואַלן פון קאָמיטעט. די צענטראַלע סכאָדקע איז באַשטאַנען פון 27 חברים. פון דעם איז געדרונגען אַז אין מײַ 1906 האָט די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע געציילט 300־400 מיטגלידער. אַלס פאַרמיטלער איז אויסגעוויילט געוואָרן חיים אײַנשטיין (ירמיהו). די וואַלן פון קאָמיטעט, ווי איך געדענק, זענען געווען כמעט אײַנשטימיקע, יצחק און שמעון האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן ווײַטער אין קאָמיטעט. דעריבער איז אײַנשטימיק געוויילט געוואָרן בן־ציון, דוויד בלאָך און איך.

די צענטראַלע סכאָדקע האָט אויסגעקליבן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע קאָמיסיע, וועלכע איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון פאַרשידענע קאָמיסיעס: פינאַנץ־קאָמיסיע, טעכנישע, ליטעראַטור־קאָמיסיע, פּראָפעסיאָנעלע, שטרײַק־ און ביבליאָטעק־קאָמיסיע. בײַם

קאָמיטעט גופא זענען געווען צוויי קאָמיסיעס: א קאָנספּיראַטיווע און א פּרינציפּיעלע. די לעצטע האָט אויך געהייסן בײַ אונדז די טעאָרעטישע — זי איז באַשטאַנען פון די מער אַנטוויקלטע חברים און האָט באַהאַנדלט אַלע פּרינציפּיעלע און טעאָרעטישע פראַגעס, וואָס פלעגן אַרויפשווימען פאַר דער באַוועגונג. אין איר זענען אַרײַן, ווי איך געדענק, דער קאָמיטעט, דער פאַרמיטלער, אַחוץ זיי נאָך אַביש, איש עברי (ש. י. לאַנדינסקי), עמוס (שלמה קאַלא), מנחם, יחזקאל, סאַבינאַ, צוויי שוועסטער אַסטערמאַן, בנימין עפראָן, אברהם פאַריזער, אליהו עסטרין, ישראל ווען ווערשער און נאָך ווער. מיר פלעגן זיך צונויפקומען יעדע וואָך און תחילת גאַנץ היים דיסקוטירט די פראַגע בנוגע פּרינציפּיעלן, פּראַקטישן אָדער פּראַגנאָסטישן פּאַלעסטיניזם. בײַ דער געלעגנהייט וויל איך פעסטשטעלן אַז „אונדזער פּלאַטפאָרם און די „ייִדישע אַרבעטער־כראָניק" האָבן אין פּוילן נישט געמאַכט קיין גרויסן רושם, אַחוץ אויף אַן ענגן קרײַז אינטעליגענטן. די מאַסע האָט אַפילו נישט געקענט לייענען דעם רוסישן טעקסט.

צווישן די חברים פון דער „פּרינציפּיעלער" קאָמיסיע זענען געווען גאַנץ אינטערעסאַנטע מענטשן. אביש, אין גאַנצן 18־19 יאָר, איז געווען זייער א פעיִק ייִנגל, אַ גוטער אַגיטאַטאָר און האָט זיך גאַנץ שנעל אָריענטירט. ער איז שוין פון 12־13 יאָר אָן געשטאַנען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און באַוויזן צוויי יאָר צו זײַן א בונדיסט. מען האָט אים אין יענער צײַט זייער גוט געקענט אויף דער בונדישער בערזע און מען האָט אים דאָרטן אַפילו א מאָל מבטיח געווען „אונטערהאַקן די פיסלעך". לעצטנס איז ער אַראָפּ פון זינען.

עמוס (שלמה קאַלא), אויך א יונגער בחור, א גימנאַזיסט פון א יאָר 18 פון אַן אַסימילירט פּויליש הויז — א וועגעטאַריאַנער ווי זײַן גאַנצע משפּחה, כל ימיו האָט ער פאַרבראַכט אין לייענען און אָן א גוזמא קאָן מען זאָגן אַז דער בחור האָט געהאַט איבערגעלייענט מער ווי צען עלטערע פאַר אים חברים צוזאַמען. איך געדענק אים נאָך ווען ער איז אַלט געווען א יאָר 12 אין אָטוואָצק, איך בין עלטער געווען פאַר אים מיט א יאָר 4, און שוין דעמאָלט האָב איך פאַר אים דרך־ארץ געהאַט צוליב זײַן אָנגעלייענטקייט. ער האָט אָבער געהאַט א חסרון. נישט אַלץ האָט ער געקאָנט פאַרדייען און באַאַרבעטן. געוווּסט האָט ער א סך, ער האָט אָבער נישט אַלע מאָל געקאָנט מאַכן א גוטע אָנווענדונג פון זײַן וויסן. נאָך פאַר אונדזער אַרעסט האָבן מיר אָרגאַניזירט א שילערקרײַז, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט עמוס, מ. יאַרבלום, א גימנאַזיסט שוואַרצמאַן און איך. מיר האָבן אַרויסגעלאָזט איין העקטאָגראַפירטע פּראָקלאַמאַציע און איין געדרוקטע פּראָקלאַמאַציע( בײדע אין פּויליש) מיט אונדזער גאַנצן פּראָגראַם — אין נאָמען פון שילערקרײַז (קאָלאָ אוטשניאָווסקיע) פּאַרוואָס, אגב, מ'האָט עמוסן גערופן שלמה קאַלאָ. ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, האָט ער אין די שפּעטערע יאָרן פיל מיטגעאַרבעט אין דער פּאַרטיי, אָבער לעצטנס, אין די יאָרן 1917־1918, איז ער איבערגעגאַנגען צו די פּפּ"ס (לינקע). איצט פאַרנעמט ער זיך מיט ריין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, רעדט נאָר פּויליש און האָט זיך אַפילו געטויפט (פריִער רובינראָט, איצט — רודניאַנסקי).

מנחם, יחזקאל און איש־עברי (ש. לאַנדינסקי), לערערס, געוועזענע ישיבה־בחורים. די ערשטע צוויי — עלטערע; דער ערשטער א יאָר 25, דער צווייטער א יאָר 28, מיט ריין ייִדישע פעיִקע חקרן־קעפּ, גאַנצע טעג האָט מען געהאַלטן אין איין הקרנען זיך. מנחם האָט אַפילו אַרײַנגעגעבן אַן אַרטיקל אין נומער 2 „ייִדיש אַרבעטער־וואָרט" (זע ווייטער), אויף וועלכן איך בין געזעסן נישט איין שעה. בײַ אַלע דרײַ האָט געפעלט די גראָדע לאָגיק; זיי האָבן קיין מאָל נישט געקענט טראַכטן גלײַך, נאָר אַלע מאָל מיט דער רעכטער האַנט געקראָכן צום לינקן אויער. זיי האָבן ליב געהאַט צו פאַרקריכן אין די „טיפסטע טיפקייטן" און האָבן זיי נאָר געכאַפּט ווען מען וואָס האָט זיך מיט זיי אין חקירות אַרײַנגעלאָזן, פלעגט שוין יענער אַרויסגיין פון זייערע הענט ווי פון א באָד. עס איז אָבער געווען אַן אינדיווידועלער אונטערשיד צווישן יחזקאלען און מנחמען. מנחם איז געווען מער עגאָיִסטיש געשטימט און יחזקאל — אַן אמת ריינע שיינע נשמה, א גוטער גלאַסענער מענטש, וועמען אַלע האָבן ליב געהאַט, נישט קוקנדיק אויף זײַנע חקירות. איך מוז זיך מודה זײַן, איך האָב שטאַרק ליב געהאַט יחזקאלען, איך האָב אַלע מאָל מורא געהאַט פאַר אים, ווײַל פריִער ווי נאָך 2־3 שעה פלעג איך זיך פון זײַנע הענט נישט אַרויסקריגן ווען ער פלעגט מיך כאַפּן אין דער קאַוויאַרניע אָדער אויף דער בערזע. אייביק האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט שאלות און ספקות, וועלכע ער האָט פון מיר געפאָדערט איך זאָל זיי אים אויפקלערן. מנחם איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע. וואָס מיט אים איז געוואָרן ווייס איך נישט. אין אונדזערע רייען איז ער אַלן פאַלס נישטאָ. יחזקאל איז פאַרשיקט געוואָרן אין וואָלאָגדע אָדער אַרכאַנגעלסק. א יאָר צוויי פלעגן מיר זיך נאָך איבערשרײַבן. איך מוז אָבער זאָגן אַז פון זײַנע אַלע מאָל קאָלאָסאַל לאַנגע און כאָאָטישע בריוו האָב איך נישט תמיד געקענט אַרויסקריכן. ווי מ'האָט מיר איבערגעגעבן, איז ער נאָך לאַנגע וואָגלענישן געקומען אין ווארשע און אין א יאָר צוויי אַרום דאָ געשטאָרבן. איש עברי (ש. לאַנדינסקי) איז אויך געווען פאַרשיקט, אַ סך זיך געוואָגלט, אָבער נישט נאָר פיזיש. אין די מלחמה־יאָרן איז ער אַריבער צום בונד, געפירט אַן אַטאַקע קעגן פּועלי־ציון. לעצטנס אַרויס פון בונד און געוואָרן א פּריוואַטער פאַרלעגער.

סאַבינאַ (איצט ראַפּאַלקעס) און בײדע שוועסטער אַסטערמאַן זענען געקומען צו אונדז פון דעם ציוניסטישן פרויען־קרײַז „דבורה" און האָבן אונדז א סך מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט. זיי האָבן אָבער כמעט נישט געקענט קיין ייִדיש און געווען, ספּעציעל די ערשטע, פולשטענדיק אַסימילירט: סאַבינאַ א ריינע פּאָלקע, בײדע שוועסטער אַסטערמאַן — רוסישע פּאָלקעס. אויסער דער ייִנגערער אַסטערמאַן, וועלכע האָט הײַנט א גרויס געשעפט פון היטן, זענען די ערשטע צוויי עד־היום געבליבן אין דער באַוועגונג. אַסטערמאַן איז לאַנגע יאָרן געווען די סעקרעטאַרין פון אונדזערע גרופּעס אין דער שווייץ. מיט א יאָר צוריק איז זי אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד, ווו זי איז א לערערין און אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער יק"פּ (פּ"צ).

בנימין עפראָן, איינער פון אונדזערע אַקטיווסטע חברים, איז געווען דער בעסטער פּאַרטיי־„וואָיאַזשאָר" — ער איז אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ פּוילן און האָט אין א סך שטעטלעך אָרגאַניזירט גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס. ער איז געווען א גוטער מאַסן־רעדנער און נישט ווייניק זיך אָנגעזעסן אין די פּוילישע טורמעס. ער האָט אָבער געטראַכט צו שווער און זיך שווער אָריענטירט. בײַ די וואַלן צום שטאָטראַט אין ווארשע, בשעת דער דײַטשער אָקופּאַציע, האָבן אים די פּאָלקיסטן אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט און ער איז אַוועק פון דער פּאַרטיי. אברהם פאַריזער, א פאַריזער סטודענט, א מאַסן־אַגיטאַטאָר, א גאַנץ פלינקער מוח איז צוזאַמען מיט עפראָנען אַרומגעפאָרן איבער פּוילן. ווו ער איז איצט, ווייס איך נישט. מען האָט וועגן אים שטאַרק געמורמלט אַז ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער פּאָליציי. עס איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן דעם פאַקט, ער האָט אָבער נישט אין ערגעץ פּרובירט זיך ריינצוּוואַשן פון דעם חשד.

וועגן בן־ציונען האָב איך שוין געשריבן. דוויד בלאָך איז ביז הײַנט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, הגם ער האָט שוין לאַנג פאַרלוירן זײַנע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס. זייער אַן אַרבעטס־פעיִקער מענטש, אַן ענערגישער, אַן איבערגעגעבענער, אָן א ברעקל איניציאַטיוו — אַזוי איז ער געבליבן ביז הײַנטיקן טאָג.

חיים אײַנשטיין — איינער פון אונדזערע בעסטע חברים אין יענער צײַט, א מענטש מיט ליטעראַרישע פעיִקייטן, מיט א גרויסן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, א פלאַמענדיקער — איז איצט געוואָרן א רײַכער סוחר.

אַחוץ די חברים פון דער „פּרינציפּיעלער" קאָמיסיע זענען געווען נאָך אַקטיוו יששכר ווײַנטרויב, יהושע פּאַסקעמאַכער, צוויי שוועסטער אַלבאַניז (פּערלע און תמר), פאַלע גלאַטשטערן און נאָך אַנדערע.

צו יענער צײַט האָט דער פאַרבאַנדס־קאָמיטעט צונויפגערופן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון פאַרבאַנד. דער צוזאַמענפאָר (אין מײַ 1906) אין ווארשע האָט, אויסהערנדיק דעם באַריכט פון די דעלעגאַטן צום אַלרוסישן צוזאַמענפאָר אין פעברואַר אין פּאָלטאַווע, באַשלאָסן אַרײַנצוטרעטן אין דער „רוסישער פּאַרטיי" „אויף אויטאָנאָמע יסודות", איבערלאָזנדיק פאַר זיך דאָס רעכט פון שרײַפטלעכער און מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע בנוגע דער פּאַלעסטי־

נער פראַגע, עס האָט זיך געהאַנדלט, פאַרשטייט זיך, וועגן פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם.

אַ פּאָר טעג פאַרן צוזאַמענפאָר איז צו אונדז אין וואַרשע געקומען אַ מיטגליד פון רוסישן צ״ק דער חבר באָרוכסאָן (כאַשין, אַלעקסאַנדער)). דאָס איז געווען אין מײַ, איך געדענקט דעם טאָג, ווײַל די קאָזאַקן זענען אַרומגעפאָרן איבער דער גאַנצער שטאָט און געשלאָגן יעדן דורכגייער, ספּעציעל ייִדן. איך בין געגאַנגען צו כאַשינען אין האָטעל „ראָסיאַ״ (נאָוואָליפּקע 8) און מײַן נס איז געווען וואָס איך האָב געזען די קאָזאַקן בשעת איך בין שוין געווען נאָענט צום האָטעל. מיר האָבן זיך דעמאָלט דאָס ערשטע מאָל דורכגעשמועסט וועגן אַ סך טעאָרעטישע ענינים און איבער הויפּט מכוח „אונדזער פּלאַטפאָרם״.

אין נײַעם פאַרבאַנדס־קאָמיטעט זענען אַרײַן: בן־ציון, אריה און איך, אָבער אַזוי ווי אריה איז נישט געזעסן אין וואַרשע און בן־ציון איז אין אַ חודש אַרום אָפּגעפאָרן און זיך דערווײַטערט פון דער אַרבעט, איז מיר יענעם זומער אַליין אויסגעקומען צו פירן די אַרבעטן פון פאַרבאַנדס־קאָמיטעט.

בשעת מיר זענען נאָך געזעסן אין מאָדלין איז אַרויס דער ערשטער נומער „דאָס ייִדישע אַרבעטער־וואָרט״, אַרויסגעגעבן דורך מ. יאַרבלומען (מ. סאַלאָמאָן) אַלס אָרגאַן פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָן־קאָמיטעט. דער ערשטער נומער איז געווען זייער בלאַס — ער איז באַשטאַנען פון איין אַרטיקל מ. י״ס קעגן בונד, וואָס איז שפּעטער אַרויס אין אַ באַזונדער בראָשור, און פון אַ צוויי קאָרעספּאָנדענצן. געדרוקט איז דער נומער, דאַכט זיך, אין קראָקע און מיר האָבן שוין דעמאָלט, אין סוף אַפּריל, געשיקט שמואל אײַנבינדערן ברענגען אים קיין וואַרשע. דער נײַער פאַרבאַנדס־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן פאַרצוזעצן די אויסגאַבע אַלס אָרגאַן פון וואַרשעווער קאָמיטעט. בן־ציון, אויף וועלכן מיר האָבן אויף דעם פּרט געלייגט די גרעסטע האָפענונגען, האָט גאָרנישט געגעבן פאַרן נומער. איך געדענק נאָר אַז מיטן גאַנצן גרייטן מאַטעריאַל זענען מיר אין דרײַען, אײַנשטיין, בלאָך און איך, געפאָרן צו אים אין וואָלאָמין. אין דעם נומער 2 „דאָס ייִדישע אַרבעטער־וואָרט״ זענען אַרײַן אַרטיקלען פון אונדז דרײַען, מנחמס אַן אַרטיקל און אַ בריוו צו ייִדישע אַרבעטער פון חבר זיאַמע (אָסטראָווסקי), איבערגעזעצט פון דוויד בלאָך (געחתמעט ח׳טע רחל), און אַ פּאָר קאָרעספּאָנדענצן. דאָ איז אויך אויבן אָן געווען אָפּגעדרוקט די מיטטיילונג פון פאַרבאַנדס־קאָמיטעט וועגן אַרײַנטריט אין דער רוסישער פּועלי־ציון־פּאַרטיי.

עד־היום ווייס איך נישט ווו און ווי אַזוי מען האָט געדרוקט דעם נומער. איך ווייס נאָר אַז מיר האָבן איבערגעגעבן דעם גאַנצן מאַטעריאַל אונדזער טעכנישער קאָמיסיע מיט שמואל אײַנבינדערן בראש, און חברה האָט אין אַ טאָג 2 שפּעטער געבראַכט אַ פּאַרטיקן בראָשירטן נומער. דערבײַ איז אינטערעסאַנט וואָס די קאָרעקטור איז דעמאָלט געווען אַן אויסגעצייכנטע, נישט צו פאַרגלײַכן מיט די איצטיקע פּאַרטיי־צײַטונגען. שמואל האָט מיר נאָר דערציילט אַז מ׳האָט געדרוקט דעם נומער מיט דער הילף פון אונדזער באַיאָווקע. זי האָט מיט רעוואָלווערן פאַרנומען אַ בירגערלעכע דרוקערײַ און געצוווּנגען צו דרוקן דעם נומער. די זעצערס, פאַרשטייט זיך האָט מען באַצאָלט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צײַטונג איז אינטערעסאַנט ווי אַזוי מיר האָבן באַקומען פינאַנציעלע מיטלען צו דרוקן די אומלעגאַלע אויסגאַבע. צו יענער צײַט האָט זיך בײַ אונדז געוויזן אויפן פּאַרטיי־האָריזאָנט אַ חבר אַברהם בורזשוי. אַ קורצער, אַ דיקער, אַ ביסל אַ זאַיִקע, שטענדיק מיט מזומן אין קעשענע (די מאַמע שיקט אים פון ערגעץ טיף רוסלאַנד, האָט ער געזאָגט). אַ רעוואָלוציאָנער געקראָכן אין פײַער שפּילנדיק זיך תמיד מיט אַ רעוואָלווער, אפילו אין די געפערלעכסטע טעג. ער האָט כסדר אויסגעקלערט די ריזיקאַלישסטע פּלענער, נאָר דער קאָמיטעט האָט אים אָפּגעהאַלטן זיי אויסצופירן. אַברהם איז עס געוואָרן בײַ אונדז דער „הויפּט־נאַטשאַלניק״ פון דער באָיווקע. ער האָט אַ מאָל פאַרגעלייגט צו הרגענען דעם קליינעם, גראָבן רעווירּאָווע וואָס איז געשטאַנען עק קאַרמעליצקע און נאָוואָליפּקע. דער רעווירּאָווע האָט זיך אָנגעזעצט אויף אונדזער בערזע (אויף נאָוואָליפּקע) און כמעט יעדן טאָג האָט ער זי פונאַנדערגעטריבן. עס האָט אונדז געקאָסט, באמת, אַ סך מי און צײַט אום נישט צו דערלאָזן הרגענען דעם רעווירּאָווע. דערצו מוז מען געדענקען וואָס פאַר אַ צײַט דעמאָלט איז געווען. די רעאַקציע האָט געווילדעוועט ווי קיין מאָל נישט. די שטאָט איז געווען פאַרפלייצט מיט מיליטער, וואָס האָט געקוקט אויף וואַרשע ווי אויף אַ דעראָבערטער שטאָט. מ׳איז זיך באַגאַנגען מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג, סײַ מיט דער פּוילישער, סײַ מיט דער ייִדישער, ווי מיט בונטאָווש טשיקעס. פּאַטרולן זענען אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג איבער די גאַסן און באַזוכט יעדן דורכגייער, און קוים האָט מען עפּעס געפונען, האָט מען געשלאָגן מכות־רצח. פאַרבײַ די קאַזאַרמעס פון וואָלינער פּאָלק אויף פּשעיאַזד האָט מען נישט געקענט אַדורכגיין פּונקט אַזוי ווי שפּעטער, אין 1919. דער חילוק איז נאָר וואָס אין 1906 האָט מען דאָרט געשלאָגן אָן אונטערשיד פון נאַציאָנאַליטעט. דעמאָלט בערך אין חודש יוני, איז פאָרגעקומען דער בלוטיקער מיטוואָך, ווען די פּפּ״ס האָט אין איין טאָג אויסגעהרגעט אין פאַרשידענע שטאָטטיילן עטלעכע צענדליק סטויקאָוועס מיט זעלנער (יעדער סטויקאָווע פלעגט דעמאָלט שטיין צוזאַמען מיט צוויי זעלנער) און געוואָרפן עטלעכע באָמבעס אין פּאַטרולן. יענעם מיטוואָך האָט מען פון 3 אַ זייגער בײַטאָג אָנגעהויבן צו שיסן סתם אין אַלע גאַסן. די וואָלינצעס זענען אַרויס פון זייער קאַזאַרמע, זיך אויסגעשטעלט אַנטקעגן נאָוואָליפּיע־גאַס און גענומען שיסן לענגויס דער גאַס (איך האָב געוווינט אויף נאָוואָליפּיע און דאָס צוגעזען). בײַ אונדז אין גאַס האָט מען געשאָסן 6 דורכגייערס, צווישן זיי אַ מיידל פון אַ יאָר דרײַצן וועלכע האָט אויפגעעפנט דאָס פענצטער אויפן ערשטן שטאָק און זיך אַרויסגעבויגן אַ קוק צו געבן וואָס עס קומט פאָר אין גאַס.

אַ זייגער 6 פאַר נאַכט האָט מען אָפּגעשפּאַרט אַלע גאַסן אַרום דער מאַרשאַלקאָווסקע און די דורכגייער נישט געלאָזן אַהיים גיין. די יעניקע וואָס האָבן געוווינט אויף איינער פון די זײַטיקע גאַסן לעבן מאַרשאַלקאָווסקע זענען שעהן לאַנג געגאַנגען פון איין עק ביזן צווייטן און געבעטן זיך רחמים בײַ די אָפיצירן, מ׳זאָל זיי לאָזן גיין אַהיים. אין ייִדישן קוואַרטאַל האָט דאַן פון פאַר נאַכט אָן געהערשט אַ טויטע שטילקייט.

שוין פריִער איז מען אין אָוונט נאָך נײַן אַ זייגער ווייניק געגאַנגען אין די גאַסן. פון יענעם מיטוואָך אָן האָט מען פון 8 אַ זייגער נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש אויף דער גאַס, אחוץ די פּאַטרולן וועלכע זענען שוין געגאַנגען איבער די גאַסן נישט אין מיטן נאָר אויף בײדע טראָטואַרן. דערבײַ איז איין זעלנער געווען אָפּגערוקט פונעם צווייטן אויף אַ 5 טריט, מחמת מורא פאַר באָמבעס.

איך דערמאָן זיך פאָלגנדיקן פאַל: איך בין געווען אײַנגעמאָלדן אין שטאָט, אָבער אַלע אָוונט אַ זייגער 11 בין איך אַרויסגעפאָרן אין שווידער (אַ זומער־וווינונג הינטער וואַרשע) און דאָרטן גענעכטיקט. דאָס איז געווען נישט קיין איבעריקע פאָרזיכטיקייט צוליב די שטענדיקע הויז־אונטערזוכונגען (דעם זומער זענען זיי געווען בײַ מיר 4 מאָל — און בלויז איין מאָל בין איך געווען בשעת מעשה אין דער היים און דורך אַ צופאַל זיך אַרויסגעדרייט). דעם ערשטן זונטיק נאָך דעם ״בלוטיקן מיטוואָך״, אין דער פרי בין איך מיר געגאַנגען פון וואָקזאַל אויף די נאַלעווקעס. נישט ווײַט פון עק נאָוואָליפּקע האָב איך באַמערקט ווי ייִדן אײַלן זיך צו פאַרמאַכן די קראָמען און די דורכגייערס באַהאַלטן זיך אין די טויערן. כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט און בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין די סיבה דערפון. ווען איך בין אָבער פון די נאַלעווקעס אַרײַן אין נאָוואָליפּקע האָב איך זיך געטראָפן פנים על פנים מיט אַ פונאַנדער געוואָרפענעם פּאַטרול וואָלינצעס. איצט האָב איך שוין פאַרשטאַנען די סיבה פון דער בהלה. ס׳איז שוין אָבער געווען שפּעט צו אַנטלויפן. מ׳דאַרף געדענקען אַז די פּאַטרולן האָבן אַלע ייִדן ספּעציעל שרעקלעך געשלאָגן. עס קען זײַן אַז מיך האָט געראַטעוועט מײַן סטודענטן־היטל (פּונקט דעמאָלט האָט מען זיך עפּעס בעסער אָנגעהויבן צו באַגיין מיט סטודענטן) און איך האָב אויסגעמיטן קלעפּ. דער אָפיציר האָט אַ מאַך געטאָן מיטן פינגער, מען האָט מיך גאַנץ ענערגיש באַזוכט און אָפּגעלאָזט. איך בין מיט מזל פאַרבײַ דעם לעצטן זעלנער, ערשט שרײַט ער „סטאָי, סטאָי!״ כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט. דער זעלנער האָט מיר אָפּגעשפּילעט דעם ראָק, דאָס וועסטל, דאָס העמד און גענומען זוכן אויפן לייב. איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס וויל ער פון מיר. ער האָט אַפּנים געפונען פאַר

נויטיק צו דערקלערן זײַן אויפפירונג און מיך אַ פרעג געטאָן: צי ביסטו נישט קיין „געשטעמפּעלטער?". ס'איז גראָד געווען נאָך דער באַרימטער עקספּראָפּריאַציע פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן באַנק אין מאָסקווע דורך מעזענצעוון, וועלכער איז אַנטלאָפן. דער דאָזיגער מעזענצעוו איז געווען געשטעמפּלט אויף דער ב־רוסט. דער זעלנער האָט מיך חושד געווען אַז איך בין עס מעזענצעוו... און געזוכט די חתימה...

אָט אין דער צײַט האָט זיך בײַ אונדז אָנגעהויבן די טעטיקייט פון אַברהם בורזשוי, דעם נאַטשאַלניק פון דער באָיוּווקע. מיר האָבן זיך גענייטיקט אין פּאַפּיר פאַר דער צײַטונג, האָבן מיר געשיקט אַברהמען מיט נאָך אַ חבר צו אַ פירמע אויף דער פאַבריטשנע־גאַס, גרוימאַן, מ'זאָל פאַר דער אָרגאַניזאַציע געבן פּאַפּיר. די פירמע האָט קיין פּאַפּיר נישט געגעבן און האָט נאָך אויסגעזידלט אַברהמען. דאָס איז געווען אַן אומדערהערטע באַליידיקונג פאַר דער אָרגאַניזאַציע, און דער קאָמיטעט האָט געמאָלדן דער פירמע אַז זי מוז זיך אַנטשולדיקן און אַלס שטראָף באַצאָלן 500 רובל; אויב נישט ווערט איר דערקלערט אַ באָיקאָט. תחילת האָט זיך די פירמע אויסגעלאַכט און קיין געלט נישט געוואָלט באַצאָלן. אַז די באָיוּווקע האָט אָבער נישט אַרײַנגעלאָזט קיין סוחרים, אויסגעבראָכן די שויבן פון די שויפענצטער, וועלכע האָבן געקאָסט מער ווי 500 רובל, האָט די פירמע געזוכט פּראָטעקציע בײַ... פּרילוצקין, וועלכער האָט געוואָלט שפּילן די ראָלע פונעם פּראָטעקטאָר פון פּועלי־ציון. ער האָט, משמעות, צוגעזאָגט גרוימאַנען צו דערליידיקן דעם ענין און מיר צוגעשיקט אַ צעטל מיט מוסר. מיר האָבן פּרילוצקין אָנגעוויזן זײַן אָרט און געבעטן נישט צו מישן זיך נישט אין זײַנע ענינים. דער סוף איז אָבער געווען אַז גרוימאַן האָט די 500 רובל יאָ באַצאָלט.

אַן אַנאַלאָגישער פאַל איז פאָרגעקומען מיט דער פירמע אײַזענבערג אויפן פשעיאַזד. די פירמע האָט זיך געהאַלטן תקיפער, ווײַל די קאַזאַרמעס זענען געווען קעגן איבער, און דער עיקר ווײַל ס'האָבן זיך אַרײַנגעמישט די פּפּ"ס, וועלכע האָבן אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלע פּראָקלאַמאַציע ווו זיי האָבן מיט אַ כיוון, צי על פּי טעות הבחור־הזעצער, אונדז גערופן „פּאַדלע־ציון".

די פּראָקלאַמאַציע איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן צוליב צוויי טעמים: ערשטנס צוליבן באָיקאָט אויף אײַזנבערגס געשעפט, וואָס זײַנע אָנגעשטעלטע האָבן געהערט צו די ייִדישע פּפּ"ס און די לעצטע האָבן זיך געפונען געטראָפן דערמיט וואָס מיר האָבן דערקלערט דעם באָיקאָט נישט אָנפרעגנדיק זיך זיי און נישט רעכענענדיק זיך מיט זיי. זיי האָבן זיך אַרײַנגעמישט אין סכסוך און עס איז אפילו געקומען איין מאָל צו אַ געשלעג. דער צווייטער טעם איז געווען דער שטרײַק פון די קעלנערס בײַ גריצהענדלערן אין צוקערניע אויף נאַלעווקעס. דעם שטרײַק האָבן מיר געפירט און גריצהענדלער האָט אָנגעשטעלט צוויי פּוילישע אַרבעטער. אונדזערע חברים האָבן זיי געוואָלט אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט און דאָס האָט אויפגערעגט די פּפּ"ס, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט די צוויי שטרײַקברעכערס. עס איז געקומען צו שויבן־ברעכן וכדומה בײַ גריצהענדלערן. דעם גאַנצן כעס צו אונדז האָבן די פּפּ"ס אויסגעלאָזן אין דער אויבן דערמאָנטער פּראָקלאַמאַציע, אויף וועלכער מיר האָבן געענטפערט מיט אַ לאַנגן אויפרוף אונטערן נאָמען „משה־רבינוס פערדעלעך" (געשריבן פון חיים־ירמיהו). דערבײַ איז אינטערעסאַנט אַז דער אויפרוף האָט זיך געדרוקט אין דער דרוקערײַ אויף אַגראַדאָווע 24, ווו כמעט אַלע פּאַרטייען האָבן דעמאָלט געדרוקט זייערע אויסגאַבעס. צו דער זעלבער צײַט האָט די „רוסישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע" געדרוקט דאָרטן דעם באַקאַנטן „וויבאָרגער אויפרוף" פון די דומע־דעפּוטאַטן. אַ דאַנק אָבער זייערן אַ פּראָוואָקאַטאָר האָט מען פאַרכאַפּט די דרוקערײַ בשעתן דרוקן דעם וויבאָרגער אויפרוף. אונדזערע חברים איז געלונגען אַרויסצוגנבענען דעם זאַץ פון אונדזער אויפרוף קעגן די פּפּ"ס, וועלכן מ'האָט דערנאָך אַראָפּגענומען מיט אַ וואַליק. דעריבער איז דערשינען עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד צו אַ 30־40 עקזעמפּלאַרן.

ביסלעכווײַז איז אַברהם בורזשוי געקומען צום געדאַנק וועגן עקספּראָפּריאַציעס. די פּפּ"ס האָבן געמאַכט עקספּראָפּריאַציעס אַלע טאָג. אַ גוטע באָיוּווקע האָבן מיר געהאַט, קיין געלט איז נישטאָ, די רעגירונג דריקט און שטיקט — פאַר וואָס זאָלן מיר נישט אַנווענדן דעם זעלבן מעטאָד ווי די פּפּ"ס?. נישט אַלע האָבן דעמאָלט פאָראויסגעזען די דעמאָראַליזאַציע וואָס אַזאַ אַרבעט איז עלול אַרײַנצוברענגען אין אונדזערע אייגענע רייען, און אויף אַ זיצונג פונעם קאָמיטעט מיטן אָנטייל פון אַברהם ב. איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך מיט דער זאַך פאַרנעמען. די קאָמיסיע האָט געקריגן דעם נאָמען „קאָנספּיראַטיווע קאָמיסיע" און איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. אין דער קאָמיסיע זענען אַרײַן די דרײַ נאַטשאַלניקעס פון די דרײַ גרופּעס פון דער באָיוּווקע, אַברהם בורזשוי, איך אַלס מיטגליד פון קאָמיטעט און דער פאַרמיטלער.

צוליב דעם און אַנדערע טעמים האָבן מיר זיך געמוזט פאַרקאָנספּירירן און מיר האָבן באַשלאָסן אַז דוויד בלאָך הייסט ישעיהו, חיים אײַנשטיין — ירמיהו און איך — זכריהו; איך מוז אָבער קאָנסטאַטירן אַז בשעת די ביידע ערשטע נעמען האָבן זיך אָנגענומען, האָט מיך כמעט קיינער אין לעבן נישט גערופן זכריהו און מײַנע ווײַטערדיקע פּרוּוון צו ענדערן מײַן נאָמען האָבן נישט געבראַכט צו קיין בעסערע רעזולטאַטן, ביז איך האָב נישט פאַרלאָזט וואַרשע.

באַטראַכטנדיק פאַרשידענע פּראָיעקטן פון עקספּראָפּריאַציעס, איז מען סוף־כּל־סוף געקומען דערצו אַז קודם־כּל זאָל מען עקספּראָפּריִירן די קאַסע פון דער באַנסטאַנציע פּאַלעניצע (אַ זומער־וווינונג הינטער וואַרשע). די עקספּראָפּריאַציע איז געלונגען. אויף מאָרגן איז באַלד געווען אַ ידיעה וועגן דעם אין די צײַטונגען — און היות ווי מיר האָבן — לויטן בײַשפּיל פון די פּפּ"ס — איבערגעלאָזט אַ באַשטעטיקונג אין נאָמען פון פּועלי־ציון, האָבן די צײַטונגען באַלד געשריבן אַז פּועלי־ציון האָבן געמאַכט די עקספּראָפּריאַציע.

דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. אַברהמען האָט שטאַרק פאַרשמעקט דער ענין (פאַר וואָס — איז אונדז קלאָר געוואָרן שפּעטער), האָט ער פאָרגעלייגט מ'זאָל עקספּראָפּריִירן די פּאָסט עק דזשעלנע און דזשיקע אין וואַרשע. ער איז שוין אַהין עטלעכע מאָל געגאַנגען, גוט באַקאַנט זיך מיט דער טאָפּאָגראַפיע פון דער דירה. בסך־הכּל זענען דאָרט דאָ 5 זעלנער. מיר האָבן בשום אופן נישט געוואָלט געבן אונדזער הסכם, ווײַל מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז דאָ גייט מען זיכער אויף קרבנות. צוליב געלט, האָבן מיר געטענהט, לוינט עס נישט. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו עקספּראָפּריִירן די קאַסע אויף דער באַנסטאַנציע אָטוואָצק (די זעלבע ליניע ווי פּאַלעניצע). די דאָזיקע עקספּראָפּריאַציע איז שוין נישט אַזוי בשלום אַריבער. ערשטנס האָט זיך דאָרטן די גאַנצע באָיוּווקע געוואַלגערט צוויי טעג. צופעליק איז אָנגעקומען אַן עשאַלאָן מיט זעלנער, האָט מען די ערשטע נאַכט ניט געקאָנט אַדורכפירן די עקספּראָפּריאַציע. אמת, מען האָט אויסגענוצט דעם טאָג צו עקספּראָפּריִירן די פּאָסט אין אָטוואָצק. צווייטנס האָט איין קאָנדוקטאָר פּרובירט זיך אַקעגנשטעלן און אַרויסכאַפּן בײַ איינעם פון אונדזערע דעם רעוואָלווער, האָט ער דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן. אַ דאַנק דעם שאָס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסערײַ גלאַט אין דער וועלט אַרײַן און פון אַן אייגענער קויל איז פאַרוווּנדעט געוואָרן שמואל העפּטער (שפּעטער איינער פון די אָנפירער פון השומר אין פּאַלעסטינע און איצט אַן אַקטיווער אחדותניק). צו לעצט האָט דער פאַרוואַלטער פון דער באַנסטאַנציע געטענהט אַז מ'האָט צוגענומען אויך זײַנע פּערזענלעכע געלטער (300 ר'). היות מיר האָבן דערקלערט אַז מיר „קאָנפיסקירן" נאָר רעגירונגס־געלטער, האָבן מיר געהאַט אַ סך קאָפּפאַרדרייעניש. ביז מיר האָבן דעם פאַרוואַלטער אָפּגעגעבן זײַן געלט, נאַטירלעך מיטן תנאי, ער זאָל מודיע זײַן אין די צײַטונגען אַז ער האָט זײַן געלט פון די פּועלי־ציון צוריק באַקומען. די אַלע „פינאַנציעלע" אָפּעראַציעס האָבן אונדז געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן נאָך אַ נומער „דאָס ייִדישע אַרבעטער־וואָרט" (נ' 3) מיט די זעלבע מיטאַרבעטער. אין דעם נומער זענען שוין געווען אַ סך קאָרעספּאָנדענציעס, מיט וועלכע עס האָט אונדז פאַרזאָרגט בנימין עפראָן, וועלכער איז דעמאָלט אַרומגעפאָרן איבער פּוילן.

נאָך דער לעצטער עקספּראָפּריאַציע האָט אַברהם בורזשוי זיך אָנגעהויבן רײַסן אַהיים, צו זײַן מאַמען, ערגעץ אין טיף רוסלאַנד. די מאַמע, האָט ער געטענהט, איז קראַנק און רופט אים. מיר האָבן אים נישט געוואָלט אָפּלאָזן, הגם מיר איז שוין דאַן פאַרדעכטיק געוואָרן וואָס ער האָט אַ סך געלט און איז בשעת הדחק אפילו גע־

וואָרן אַ מלווה פון דער אָרגאַניזאַציע. ספּעציעל האָט זיך נישט געגלייבט אַז אין אַ קאַסע פון אָטוואָצק זאָל נישט האָבן געווען מער ווי 300 רובל. ווען אַברהם איז, נישט קוקנדיק אויף אונדזער פאַרבאָט, אין איין שיינעם פרימאָרגן נעלם געוואָרן, האָבן מיר פאַרשטאַנען אַז די מעשה איז נישט גלאַטיק. ביסלעכווייַז האָט פאַר אונדז אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן די גאַנצע פיזיאָנאָמיע פון דעם בחור. ערשט נאָך דעם ווי ער איז אָפּגעפאָרן, האָט מען אונדז אָנגעהויבן צו דערציילן אַז ער האָט זיך געוואָרפן מיט געלט, אַז ספּעציעל נאָך די טעג פון די עקספּראָפּריאַציעס האָט מען בייַ אים געזען אַ סך געלט, וכדומה. פאַר אונדז איז פולשטענדיק קלאָר געוואָרן אַז מיר האָבן געהאַט צו טאָן מיט אַ טיפּישן „קאָמבינאַטאָר". אַ קאָמבינאַטאָר האָט דעמאָלט געהייסן אַ מענטש וואָס איז אייגנטלעך נישט געווען קיין פּשוטער גנב, נאָר האָט לייַכטזיניק געמאַכט פאַרשידענע „קאָמבינאַציעס" מיט פּאַרטייגעלטער. אַברהם בורזשווי איז געווען אַ קלוגער קאָמבינאַטאָר. ווי נאָר ער האָט דערפילט אַז דער באָדן הייבט זיך אָן וואַקלען אונטער זייַנע פיס, האָט ער זיך געזאָגט: גענוג! געמאַכט פּליטה. ער האָט נאָך געהאַט אַ העזה צו שרייַבן אונדז אַ ידידי־בריוול אַז ער וואָלט גערן געקומען צוריק, נאָר די מוטער...

יענער מיטן זומער איז געווען די בעסטע צייַט פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציע. איר לעבנס־אימפּעט האָט זיך שטאַרק געפילט, דער דופק האָט געקלאַפּט. אַ סך פון אונדזערע אינטעליגענטע מיטלויפערס האָבן געוווינט אויף אַ זומער־וווינונג אין שווידער און דאָרטן איז געוואָרן אַ צווייטער צענטער פון די פּועלי־ציון. יעדן שבת זענען אַהין געפאָרן הונדערטער פון אונדזערע חברים, דאָרטן זענען פאָרגעקומען יעדן שבת לעקציעס און מיטינגען אין וואַלד. פון די לעקציעס, געדענק איך צוויי (יאַרבלומס און מייַנע). איין שבת האָבן מיר דאָרטן געמאַכט אַ מיליטערישן „סמאָטר". עס זענען אַראָפּגעקומען אַ 500 חברים, צווישן זיי אויך די גאַנצע באָיוווקע. מיט אַ רויטער פאָן און מיט רעוואָלווערן האָט די מחנה דורכמאַרשירט איבער גאַנץ שווידער, און די חברים האָט שטאַרק הנאה געטאָן זעענדיק וואָס פאַר אַן אימה ס'האָט באַהערשט די אַלע בירגערלעכע „לעטניקעס".

אונדזערע שילערס און סטודענטן האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אין שווידער אַ באַזונדערן אָרגאַן (העקטאָגראַפירט) „די דאַטשע־כראָניק". עס זענען אַרויס 3־4 נומערן. רעדאַגירט דעם אָרגאַן האָט מייַן שוועסטער מרים, גאָרדאָן און שמואל קאַצענעלסאָן. דער אָרגאַן איז שטאַרק אָנגענומען געוואָרן... אין שווידער. איך געדענק נאָר איין עפּיזאָד. די חברטע סאַבינע האָט אָנגעשריבן אַ לייט־אַרטיקל (אין פּויליש) פאַר אַ נומער „דאַטשע־כראָניק" און מיט מיר עס אָפּגעשיקט פאַר דער רעדאַקטאָרין אין שווידער. אונטערוועגס האָב איך אים דורכגעלייענט און ער איז מיר געפעלן געוואָרן. מיר זענען געשטאַנען פאַר דער אויסגאַבע פון דריטן נומער „דאָס יִדישע אַרבעטער־וואָרט" און אונדז האָט גראָד געפעלט אַ לייט־אַרטיקל. עס איז געווען פּונקט נאָכן צעטרייַבן די ערשטע דומע אין יולי 1905. אָנשטאָט אין „דאַטשע־כראָניק" האָב איך דאָס אַרטיקל איבערגעגעבן דווידן (בלאָך). ער האָט עס איבערגעזעצט, אַ ביסל געענדערט, עפּעס צוגעגעבן, און עס איז אַרויס גאָר נישט קיין שלעכט אַרטיקל (דאָס לייט־אַרטיקל פון נ' 3 „יִד' אַרבעטער־וואָרט").

דער דריטער נומער איז געווען אונדזער לעצטע אויסגאַבע אין יענעם זומער. די פּאַרטיי־אַרבעט האָט זיך אַלץ מער און מער פונאַנדערגעוואַקסן. מיר האָבן זיך אַלץ מער און מער גענייטיקט אין פינאַנציעלע מיטלען, די צאָל פּראָפעסיאָנאַלן איז געוואַקסן, און מיר האָבן געמוזט אָפּשטעלן די אויסגאַבע. די פּראָפעסיאָנאַלן האָבן בייַ אונדז באַקומען נישט קיין גרויסן געהאַלט, למשל יצחק זייגערמאַכער, שמואל אייַנבינדער און חיים האָבן באַקומען צו 3 רובל אַ וואָך, שפּעטער האָט מען זיי געהעכערט ביז 4 רובל אַ וואָך. איין בן־ציון האָט בייַ אונדז די ערשטע צייַט, ביז זייַן אָפּפאָרן, באַקומען אַ „גראַנדיעזן" געהאַלט פון 8 רובל אַ וואָך. די פּאַרטיי־אַרבעט האָט אַלץ געפאָדערט נייַע און נייַע כוחות, ווייַל די אָרגאַניזאַציע פלעגט זיך פונאַנדערוואַקסן פון טאָג צו טאָג און דערפאַר טאַקע האָט דער קאַמף מיט די אַנדערע פּאַרטייען אָנגענומען אַלץ אַ מער פאַרביטערטן כאַראַקטער.

אויף דער יִדישער גאַס האָבן דעמאָלט געקעמפט 5—6 פּאַרטייען: די עלטסטע אָרגאַניזאַציע — דער בונד, נאָך דעם די ס"ס, וועלכע זענען צו יענער צייַט געווען פאַרהעלטנישמעסיק שטאַרק און געהאַט אַ געוויסע באַדייַטונג, נישט אַזוי אין וואַרשע ווי אויף דער פּראָווינץ, די פּפּ"ס, וועלכע האָבן געהאַט אַ ספּעציעלע יִדישע אָפּטיילונג וואָס האָט אַפילו אַרויסגעגעבן אַ ביסל אומלעגאַלע ליטעראַטור און פּראָקלאַמאַציעס אין יִדיש, מיר וואָס זענען אָקערשט וואָס געקומען אויף דער יִדישער גאַס און געפונען כמעט אַלע פּאָזיציעס פאַרכאַפּט. און מען דאַרף נאָך צורעכענען די סדקפּ"ל, וועלכע האָבן דאַן געהאַט אַ קליינע השפּעה אויף דער יִדישער אַרבעטערשאַפט. ועל־כולם איז געווען נאָך איין פּוילישע פּאַרטיי „די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פּראָלעטאַריאַט", וועלכע איז צו יענער צייַט באַשטאַנען, ווי מ'האָט געזאָגט, פון אַ פּאָר הונדערט מאַן, אָבער זי האָט געמאַכט אַזאַ גרויסן טאַראַראַם אין שטאָט בכלל און אַפילו צווישן די יִדישע אַרבעטער, אַז מען האָט געמיינט, אַז זי איז פיל שטאַרקער — אַ פּאַרטיי מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם טעראָריסטישן כאַראַקטער, אַ מין רוסישע ס"ר. דאָס איז געווען אַ פּאַרטיי וואָס האָט פון פּפּ"ס איבערגענומען דעם רעוואָלוציאָניזם און טעראָריזם און פון דער סדקפּ"ל — איר סאָציאַליסטישן אינהאַלט. די פּאַרטיי האָט זיך אָבער לאַנג נישט געהאַלטן און אַ דאַנק די אויסגעשפּראָכענע אַנאַרכיסטישע טענדענצן האָט זי געהאַט אַ סך פּראָוואָקאַטאָרן און „קאָמבינאַטאָרן". אַלס כאַראַקטעריסטישן בייַשפּיל געדענק איך דעם טויטאורטייל וואָס די פּאַרטיי האָט אויסגעפירט אויף איינעם פון אירע אָנפירערס — מייַנעם אַ פּערזענלעכן גוטן באַקאַנטן נאָך פון די גימנאַזיע־צייַטן — דווידקע גורעוויטש. ער האָט דעמאָלט געוווינט אויף נאָוואָליפּקע 29 — איך בין צופעליק געווען בייַ בן־ציונען (נאָוואָליפּקע 36). דערהערט עטלעכע שאָסן אין מיטן העלן טאָג אַ זייגער 14, האָב איך זיך אַרויסגעבויגן פון פענצטער און דערזען ווי 3 מענטשן אַנטלויפן פון טויער 29. איך בין אַראָפּ און האָב זיך דערוווּסט אַז דאָס האָט מען דעם תמיד פריילעכן און גוטגעשטימטן דווידקע גורעוויטשן געהרגעט, לויטן אורטייל פון דער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט". די שוועסטער זייַנע האָט מיר דערציילט אַז אין דער פרי האָט אים זייַנער אַ גוטער פרייַנד געשיקט אָנזאָגן אַז ער זאָל פון דער היים נישט אַרויסגיין דעם גאַנצן טאָג. אַ זייגער 2 איז געקומען אַ חבר און האָט אים אַרויסגערופן אין טויער, וווּ מען האָט אים אויפן אָרט אַנידערגעלייגט מיט דרייַ קוילן.

געהרגעט האָט מען אים דערפאַר וואָס ער האָט „דעמאָראַליזירט דעם פליישערפאַך", וואָס ער, ווי מ'האָט געזאָגט, האָט אויסגענוצט די פּאַרטיי־סטעמפּלען פאַר זייַנע פּערזענלעכע צוועקן. ווען פון אויסלאַנד איז געקומען אַ פאָרשטייער צו אָרגאַניזירן דעם משפּט, האָט דווידקע זיך אָפּגעזאָגט צו גיין און געסטראַשעט אַז אויב מ'וועט קענען אים אָננעמען אַגרעסיווע מיטלען, וועט ער איבערגעבן דער פּאָליציי אַלץ וואָס ער ווייסט. אַזוי האָט מען וועגן אים דערציילט, און אַזוי איז ער אומגעקומען. אַזאַ איז געווען די אַטמאָספער פון יענער צייַט. פּאַרטייען האָבן צווישן זיך שטאַרק געקעמפט אין גאַס, אויף די בערזעס, אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אויף מיטינגען, אין דער אומלעגאַלער פּרעסע און אָפט איז עס דערגאַנגען צו פּשוטע געשלעגן.

אָבער די באַוועגונג האָט זיך כסדר אַנטוויקלט, די מאַסן זענען אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט. נישט בלויז אין וואַרשע איז די אַרבעט געגאַנגען לעבעדיק. צו יענער צייַט האָט דער פאַרבאַנד געאַרבעט זייער ענערגיש און אָרגאַניזירט אַ ריי שטעט און שטעטלעך אין גאַנץ פּוילן. אַ דאַנק אונדזערע אַרומפאָרנדיקע אַגיטאַטאָרן: בנימין עפראָן, יאַרבלום, אַברהם פאַריזער, אַביש און אַנדערע, איז אונדז געלונגען צו גרינדן אָרגאַניזאַציעס אין לאָדזשער, וולאָצלאַווקער, וואַרשעווער, קעלצער און אַנדערע ראַיאָנען. האָבן מיר אָנגעהויבן צונויפרופן ראַיאָן־קאָנפערענצן און ענדלעך אויך דעם 3טן צוזאַמענפאָר פון דעם פּוילישן פאַרבאַנד אין אויגוסט חודש אין טשעכאָטשינעק.

צו דער 3טער קאָנפערענץ זענען געקומען 24 דעלעגאַטן פון 18 אָדער 19 פּונקטן. צוליב דער פאַרהעלטנישמעסיק קליינער צאָל איז באַשלאָסן געוואָרן אַז די קאָנפערענץ זאָל זיך דערקלערן פאַר אַ באַראַטונג. די באַשלוסן פון דער באַראַטונג געדענק איך נישט, — אין זכרון זענען מיר געבליבן נאָר אַ פּאָר מאָמענטן.

צו דער באַראַטונג איז געקומען אַ דעלעגאַט פון סאָכאַטשעוו

— א שוסטער אין די עלטערע יאָרן, אַזוי איבער פערציק, מיט א גרויסער באָרד. מיר זענען נאָך נישט געווען געוווינט צו אַזעלכע טיפּן. מיט אים איז אויך געקומען אונדזער פּראָפעסיאָנאַל וואָס האָט אין סאָכאַטשעוו געגרינדעט די אָרגאַניזאַציע — אַברהם פּאַריזער. דעמאָלט האָבן מיר אים נאָך אין קיין זאַך נישט חושד געווען, אָבער צוליב די אומלעגאַלע באַדינגונגען פון דער קאָנפערענץ האָב איך, זייענדיק אין דער מאַנדאַט־קאָמיסיע, אים נישט געוואָלט צולאָזן צו דער קאָנפערענץ, ווייל פון סאָכאַטשעוו איז באַשטימט געוואָרן נאָר איין דעלעגאַט. אַברהם פּאַריזער האָט זיך ביי מיר געבעטן צולאָזן אים כאָטש צו דער עפענונג. ער האָט עס נישט געפועלט.

אינטערעסאַנט איז דער שפּעטערדיקער גורל פון דעם דאָזיקן מענטש, וואָס הגם עס איז נישט באַוויזן געוואָרן, איז פון דעסט וועגן דערנאָך די אַלגעמיינע מיינונג געווען אַז ער איז אַ פּראָוואָקאַטאָר. לאַנגע יאָרן האָב איך פון אים נישט געהערט, נאָר אין 1923 האָבן מיר די חברים אין פּאַריז דערציילט אַז ער איז נאָך אַ לאַנגן איבערריים ווידער געקומען קיין פּאַריז און זייער שנעל געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן פאַרמעגן, ווי אַזוי ווייסן זיי נישט. ער האָט זיך אַפילו געקויפט אַ ווילע הינטער פּאַריז, אַרומגעפאָרן נאָר אין אויטאָס און פּלוצלינג געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק זיין גאַנץ פאַרמעגן, וואָס מען האָט געשאַצט אין מיליאָנען פראַנקן, זיין ציווילער פרוי, אַ פראַנצויזין.

צו דער באַראַטונג איז צום ערשטן מאָל געקומען דער פאַרשטייער פון רוסלענדער צ״ק ח׳ כאַשין (דעמאָלט באָרוכסאָן), וועלכער האָט אונדז שוין באַזוכט אין וואַרשע דעם 1טן מיי. די באַציִונגען צווישן דעם פאַרבאַנדס־קאָמיטעט און צענטראַל־קאָמיטעט זענען געווען אָנגעצויגענע, אַלץ צוליב דעם טעאָרעטישן מכסוך, צווישן דעם פּרינציפּיעלן און פּראַקטישן פּאַלעסטיניזם. אָבער די חברים פון די שטעטלעך זענען זייער באַגייסטערט געוועזן דערפון וואָס ס׳איז אָנוועזנד אַ חבר פון רוסלענדער צ״ק. בשעת דער באַראַטונג גופא איז נישט איין מאָל געקומען צו צוזאַמענשטויסן (אמת, אין גאַנץ פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרמען), וועלכע האָבן אָבער קיין פּאַרטייִשע קאָנסעקווענצן נישט געהאַט.

אין דער באַראַטונג האָט גענומען צום ערשטן מאָל אָנטייל אויך דער חבר כתריאל (ל. כאַזאַנאָוויטש) — מיט וועלכן מיר איז שוין פריִער אויסגעקומען צו שליסן פּאַרטייִשע באַקאַנטשאַפט.

אין די יאָרן 1907—1908 איז כתריאל געווען רעדאַקטאָר פונעם „יִדישן אַרבעטער״ אין גאַליציע, און שפּעטער פאַרנומען אַ חשובן אָרט אין אונדזער זשורנאַליסטיק. דעמאָלט אויף דער באַראַטונג, האָט ער אויף אונדז געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענטש מיט אַ ספּעציעלער נטיה צו פּלפּול. אָבער אין יאַנואַר־פעברואַר 1918 האָב איך זיך מיט אים געטראָפן אין רוסלאַנד, וווּהין ער איז געקומען אין נאָמען פון פאַרבאַנדס־ביוראָ, כדי צוזאַמען מיט אונדזער רוסלענדער צ״ק אונטערצונעמען אַן אַקציע אין צוזאַמענהאַנג מיטן בריסקער שלום, און איך בין איבערראַשט געווען צו זען אַז כאַזאַנאָוויטש איז אויסגעוואַקסן צו אַ פּאָליטיקער פון ערשטן ראַנג. אין 1920, נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּועלי־ציון, איז כאַזאַנאָוויטש נישט צוגעשטאַנען צו קיין צד, הגם ער האָט אַ געוויסע צייט מיטגעאַרבעט מיט די רעכטע.

די באַראַטונג האָט געדויערט צוויי מיט אַ האַלבן טאָג און איז כמעט ווי איבערגעריסן געוואָרן אין מיטן. מיר זענען געזעסן ערגעץ אויף אַ בוידעם אויף אַ דריטן שטאָק און די לעצטע נאַכט זענען מיר אַפילו אַלע געשלאָפן אויפן זעלבן בוידעם פשוט אויף דער ערד, ווייל בסך־הכל זענען דאָרט געווען אַ 3—4 בעטן, מיט הוילע שעניקעס. שוין אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר באַמערקט אַז מען שפּירט אונדז נאָך. ס׳איז קיין חידוש נישט: עס איז אַפילו געווען סעזאָנצייט, אָבער מיר אַלע האָבן ווינציק וואָס אויסגעזען ווי קורגעסט — און די קולות וואָס האָבן זיך געטראָגן פון בוידעם האָבן געמוזט צוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון ליידיק־גייערס, וועלכע זענען ספּעציעל אַ סך צווישן די קורגעסט. האָבן מיר באַשלאָסן די באַראַטונג וואָס גיכער צו ענדיקן — און אויפן דריטן טאָג באַלד אין דער פרי האָבן מיר זי געשלאָסן. אויף וויפל עס געדענקט זיך, האָבן מיר איבערגעריסן אַלע פּרינציפּיעלע וויכוחים און באַהאַנדלט נאָר די אָרגאַניזאַציאָנס־ענינים. צווישן די פּרינציפּיעל־טאַקטישע



פראַגעס איז דאָרט ביי דער אָפּשאַצונג פון פּאָליטישן מאָמענט באַהאַנדלט געוואָרן אויך די פראַגע וועגן אָנטייל אין דער צווייטער דומע — די שטימונג, הגם נישט קלאָר, איז געווען אַ באָיקאָטיסטישע, קיין באַשלוס איז אָבער נישט אָנגענומען געוואָרן.

נישט קוקנדיק אויף דער ענגער אָרגאַניזאַטאָרישער פאַרבינדונג מיטן רוסישן צ״ק האָבן מיר אים אין דער וויטערדיקער אַרבעט ווייניק געפילט, און די אַרבעט אין פּוילן האָט זיך געפירט כמעט ווי זעלבשטענדיק. — קיין חברים פון רוסלאַנד פלעגן מיר צו דער אַרבעט נישט באַקומען — און מיר האָבן אַהין קיינעם נישט געשיקט — די פאַרבינדונג איז געווען מער אַ שריפטלעכע, שפּעטער אַ ביסל האָט דער רוסישער צ״ק גענומען אונדז שפּייזן מיט ליטעראַטור, וועלכע האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין ערשט אין יאַנואַר 1907 אין ייִדיש אין ווילנע. טרעפן פלעגן מיר זיך ביי צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן.

נאָכדעם ווי דער צ״ק האָט זיך אַריבערגעטראָגן פון פּאָלטאַווע נענטער צו די ייִדישע מאַסן — קיין ווילנע — האָט ער צונויפגערופן אַ קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען סוף אָקטאָבער 1906 אין גראָדנע, אין דער דירה פון ציוניסטישן דיכטער ל. יפה, ערגעץ אין אַ פאָרשטאָט. צו דער קאָנפערענץ זענען געקומען חברים נאָר לויט דער איינלאַדונג פון צ״ק. פון פּוילן זענען געקומען בן־ציון ראַסקין, יצחק טאַבענקין, נאָך אַ חבר און איך. פון די איבעריקע אָנטייל־נעמערס געדענק איך די חברים: כאַשין, זרובבל, גאָלדע, פּאַוועל (פּאַלעסטיניעץ). עס איז אויך געווען אָראָנאָוו (אָרשאַווסקי), דער מחבר פון דער בראָשור „די פּרינציפּן פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם״, וואָס מיר האָבן אין 1917 איבערגעדרוקט אויף רוסיש אין פּעטערבורג. אָראָנאָוו האָט זיך ווידער באַוויזן אין אונדזערע רייען, ערשט אין יאָר 1917 אין פּעטערבורג — ער האָט אָבער דערקלערט אַז ער אַרבעט ביי דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און איז שוין נישט קיין פּועלי־ציון, הגם ער האָט נאָך סימפּאַטיעס פאַר אונדז. פאַקטיש האָט ער אַ ביסל מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט. נענטער איז ער צו אונדז געוואָרן אין אויגוסט 1917 ווען קיין רוסלאַנד איז געקומען באָראָכאָוו, צו וועלכן ער האָט געהאַט ממש אַ סענטימענטאַלע באַציִונג. ערשט נאָך באָראָכאָווס טויט (דעצעמבער 1917) איז ער אָפיציעל אַריין אין אונדזערע רייען, אָבער נישט אויף לאַנג. אַ שטימונגסמענטש מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן עגאָצענטרישן כאַראַקטער איז אים שווער געווען זיך איינצולעבן אין אַ באַוועגונג, און ער האָט זיך פון איר דערווייטערט.

אויף דער קאָנפערענץ אין גראָדנע איז אויך געווען וו. אדים (פעליקס מענטשיקאָווסקי), דער מחבר פון דער רוסישער בראָשור „די ייִדישעווירטשאַפט און אירע היסטאָרישע פאַקטאָרן״, וואָס איז דערנאָך אויך אַרויס אין ייִדיש. אַ טיפּישער שטאַרק אַסימילירטער סטודענט, וועלכער האָט קיין ייִדיש נישט געקענט — אַ מאָלער און דערפאַר פול מיט שטימונגען — אָבער דערביי שוין צו יענער צייט מיט אַ סך ווייסנשאַפט, וואָס האָט זיך ספּעציעל אַרויסגעוויזן באַלד אין אָנהייב פון דער רוסישער רעוואָלוציע מאַרץ 1917, ווען ער איז געקומען אויף דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין אַפּריל מיט אַ פולשטענדיק דורכגעטראַכטן און ווייסנשאַפטלעך היסטאָריש באַגרינדעטן פּאָרטראַג וועגן די קהילות, אַ קעגנשטאַנד וואָס איז פאַר אונדז צו יענער צייט נאָך געווען אין גאַנצן נישט באַאַרבעט. היינט איז ער אין פּאַלעסטינע אַ לערער. אין 1917 איז ער געווען דירעקטאָר פון אַ ייִדישער גימנאַזיע אין אָדעס.

צום לעצטן טאָג פון דער גראָדנער קאָנפערענץ איז אָנגעקומען ראובן (עליאַשעוו, פון וואָראָניעזש) — אַ מענטש מיט אַ שטאַרקער אַמביציע. ווי איך האָב געהערט אין מאָסקווע, אין 1917, איז ער געווען נאָענט צו די צעירי־ציון, אָדער ער האָט געבילדעט אַ נייע גרופּירונג אין זייער גייסט.

די לייענערס וועלן מיר מוחל זיין וואָס ביי מיר אין זכרון איז געבליבן נאָר דער רעפעראַט וועלכן איך אַליין האָב אין גראָדנע געהאַלטן, ווייל דאָס איז געווען אַ פראַגע וועלכע ווערט דיסקוטירט אין די רייען פון די רעכטע פּועלי־ציון נאָך עד־היום: די פראַגע וועגן אָנטיילנעמען אין ציוניסטישן קאָנגרעס. צו יענער צייט איז צווישן אונדז נישט געווען קיין איין קעגנער דערפון, הגם אין דער באַגרינדונג איז מען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז אויך גאַנץ גענוי באַהאַנדלט געוואָרן די פּאָליטישע לאַגע אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּאַרשטייענדיקע וואַלן צו דער צווייטער דומע. כמעט אַלע חברים האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אָנטייל נעמען אין די וואַלן — קעגן באָיקאָט, אחוץ די פּוילישע. פון אונדז פיר זענען דרײַ געווען פאַר באָיקאָט, מען האָט באַשלאָסן אַז פּוילן באַקומט דאָס רעכט נישט צו גיין צו די וואַלן און אונדזער שטעלונג צו פיקסירן אין דער פּרעסע אויפן יסוד פון דיסקוסיע — דאָס דאָזיקע רעכט האָבן מיר אויסגענוצט.

די גראָדנער קאָנפערענץ האָט זיך אויך נישט געענדיקט אין גאַנצן בשלום — עפּעס האָט מען אַרעסטירט אַ צוויי־דרײַ חברים (דאַכט זיך, יצחק טאַבענקין און נאָך וועמען), נאָר מען האָט זיי אין גיכן באַפרײַט.

נאָך דער קאָנפערענץ איז דער צ"ק צוגעטרעטן אַרויסצוגעבן אין ווילנע דעם ערשטן לעגאַלן אָרגאַן אין ייִדיש „דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק", וועלכער איז נאָך דעם דריטן נומער פאַרמאַכט געוואָרן. זײַן יורש, דער „פּאָרווערטס", האָט געהאַט גענוי דאָס זעלבע מזל און פון אים זענען אַרויס בלויז דרײַ נומערן. פאַר פּוילן האָט די ליטעראַטור געהאַט אַ גרויסע באַדײַטונג, ווײַל ערשטנס איז דאָרט געווען באָראָכאָווס אַרטיקלען, צווייטנס ווײַל דאָס איז געווען די איינציקע אַגיטאַציע־ליטעראַטור. דער „מאָלאָט" (האַמער), וואָס איז נישט לאַנג פאַר דעם אַרויס אין 3 נומערן אין סימפּעראָפּאָל, און ווו עס איז געווען געדרוקט אַ טייל פון באָראָכאָווס „אונדזער פּלאַטפאָרם" — האָט פאַר אונדז אין פּוילן נישט געהאַט קיין גרויסן ווערט צוליב זײַן רוסישער שפּראַך.

„דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק" האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין יאַנואַר 1907, ווען מען האָט זיך גענומען גרייטן צו דער וואַלקאַמפּאַניע צו דער צווייטער דומע. אויב אין גאַנץ רוסלאַנד האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געביטן איר באָיקאָטיסטישע שטעלונג און גענומען אָנטייל אין די וואַלן צו דער צווייטער דומע (אויף קאַווקאַז האָבן אויך די ס"ד גענומען אָנטייל אין די וואַלן צו דער ערשטער דומע), האָט אין פּוילן געהערשט אַ שטאַרקע באָיקאָטיסטישע שטימונג אויך בנוגע צו דער צווייטער דומע. די מערהייט פון אונדזער פּוילישן פאַרבאַנדס־קאָמיטעט איז געווען פאַרן באָיקאָט, הגם דער רוסלענדער צ"ק, ווי מיר האָבן געזען פריִער, איז געווען פאַר אָנטייל נעמען אין די וואַלן. נאָך אין דעצעמבער 1906 האָב איך פאָרמולירט אונדזער שטעלונג צו דער דומע אין אַ גאַנץ לאַנגן אַרטיקל. דער צ"ק האָט געדרוקט דאָס אַרטיקל אין נ' 2 „פּראָלעטאַרישער געדאַנק" (אַרום דעם 30טן יאַנואַר) און אין זעלבן נומער אָפּגעדרוקט אַ תשובה פון ח' אַלעקסאַנדער (כאַשין). מיר אין פּוילן האָבן געהאַלטן אַז די צווייטע דומע ווערט צונויפגערופן דורך דער זעלבסטהערשונג נישט אונטער דעם דרוק פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, נאָר צוליב אייגענע אינטערעסן, כדי צו באַקומען אַן הלוואה אין אויסלאַנד. דערפאַר, האָבן מיר געטענהט, שטימט נישט די קאָנסטיטוציע מיט „די רעאַלע פאַרהעלטענישן פון די געזעלשאַפטלעכע כוחות". דער פּראָלעטאַריאַט איז צו שוואַך און נישט נאָר וואָס ער וועט נישט קענען אונטערהאַלטן זײַנע פאָרשטייער אין דומע, ער וועט זיי אַפילו נישט קענען פאַרטיידיקן בשעת מען וועט זיי פירן אין געפענגעניש. איז דעריבער, ווי נאָר די זעלבסטהערשונג וועט אויספירן איר כוונה — דורכפירן די הלוואה דורך דער דומע — וועט זי די דומע פונאַנדערטרײַבן, ווי זי האָט עס דאָס ערשטע מאָל געטאָן, און די דעפּוטאַטן וועלן סוף־כל־סוף מוזן „אַרונטערגיין פון דער פאָלקסטריבונע און אפשר אַרײַנגיין אין די פאָלקסטורמעס".

דער דאָזיקער מאָמענט איז אינטערעסאַנט דערפאַר וואָס די דומע איז אין גיכן פונאַנדערגעטריבן געוואָרן און פון דער דומע האָט מען די ס"ד דעפּוטאַטן אין פאַרמאַכטע קאַרעטעס אָפּגעפירט אין טורמע. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן אַז אויף דעם פּויערטום איז נישטאָ וואָס צו רעכנען. דאָס פּויערטום וועט זיכער נישט אַרויסטרעטן צו פאַרטיידיקן די דומע, הגם „סוף־כל־סוף וועט פּלאַצן דאָס געדולד פון פּויערטום, אָבער רעכענענדיק זיך מיט דער פּאַסיווקייט און אינערטקייט פון דעם פּויערטום מוז מען קלערן דאָס עס וועט נאָך אַ סך אויסקומען צו וואַרטן אויף דעם, לכל הפּחות ביז דער פינפטער דומע" (צופעליק, כידוע, איז די רעוואָלוציע פון יאָר 1917 טאַקע פאָרגעקומען ערב אַ פינפטער דומע).

מיר האָבן אויך אָנגעוויזן אויף די ספּעציפישע באַדינגונגען פון פּוילן, ווו דער רעגירונגס־טעראָר האָט אין יענער צײַט געווילדעוועט ביז דער העכסטער מדרגה — די רעגירונג האָט זיך שטאַרק געגרייט צו „אָרגאַניזירן" די וואַלן. דעריבער איז טאַקע דעמאָלט אין פּוילן געווען אַ שטאַרקע באָיקאָטיסטישע שטימונג. דער קאַמף איז געגאַנגען צווישן די פּפּ"ס וועלכע זענען געשטאַנען פאַר אַקטיוון באָיקאָט, און די סדקפּ"ל, קעגנער פון באָיקאָט. אָבער אַפילו די לעצטע האָבן פאַרטיידיקט דעם אָנטייל, נישט ווײַל זיי האָבן געזען אין דער דומע אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג, „די דומע איז נישט קיין נייטיקער עטאַפּ אין דער רוסישער רעוואָלוציע, די רעוואָלוציע וועט גיין פאַרבײַ דער דומע מיט דעם וועג פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד" (אין יאָר 1917 האָט זיך עס באַשטעטיקט —נ.), און די דומע וועט נאָר זײַן אַ שטערונג אויף דעם דאָזיקן וועג, און וואָס מער ליבעראַלן עס וועלן זײַן אין דער דומע אַלץ אַ גרעסערע שטערונג פאַר דער רעוואָלוציע וועט זי זײַן" (פאָלקסצײַטונג נ' 230 אין אַרטיקל: דער „בונד" און פּס"ד וועגן וואַלאָפּמאַכן אין פּוילן) „דאָס אָנטייל־נעמען אין דער דומע איז נאָר אַן אייגנאַרטיקע פאָרעם פון באָיקאָט". דער בונד האָט יאָ געזען אין דער דומע עפּעס ממשותדיקס און אים האָט זיך דווקא געוואָלט, עס זאָל דורכגיין אַן ס"ד. עס איז געווען קלאָר אַז נאָר אין לאָדזש און אין וואַרשע קאָן זײַן אַ רייד פון אַן אַרבעטער־דעפּוטאַט און „נאָר בײַ אַן אָפּמאַך אויף דער ערשטער סטאַדיע צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען מיט פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון דער וואַרשעווער פּוילישער און ייִדישער באַפעלקערונג, מיט די „פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטן" (פּ"ד). מיט דעם ייִדישן קאָמיטעט „קאָן פון וואַרשע לײַכט דורכגיין אין דומע איין ס"ד און איין בורזשואַזער פּראָגרעסיסט" (פאָלקסצײַטונג נ' 230, דער אויבן דערמאָנטער אַרטיקל). דער פּראָגראַם האָט זיך באַשטעטיקט בײַ די וואַלן פון יאַגעללאָ צו דער 4טער דומע. דער אונטערשיד אין צוגאַנג צו דער זאַך האָט נישט געשטערט דעמאָלט דער באָלשעוויסטישער סדקפּ"ל צו גיין צוזאַמען מיטן מענשעוויסטיש־געשטימטן בונד, געזיגט האָט אָבער די שטעלונג פון די סדקפּ"ל, ווײַל אויף דער קאָנפערענץ פון בונד מיט פּס"ד איז אָנגענומען געוואָרן די ווײַטערדיקע רעזאָלוציע: „קיין אָפּמאַכן מיט וועלכע נישט איז אָפּאָזיציאָנעלע בורזשואַזע פּאַרטייען אין וואַרשע טאָרן נישט פאָרקומען". דערמיט איז געשטעלט געוואָרן דער טראָפּ אויף דעם וואַלקאַמף, נישט אויף זײַנע רעזולטאַטן. נאָר אַפילו די רסדאַ"פּ — באָלשעוויקעס, נעמענדיק אָנטייל אין די וואַלן, זענען געגאַנגען נישט זיכער („אַזוי ווי מיר זענען זיכער דאָס די טאַקטיק פון באָיקאָט צו דער ערשטער דומע איז געווען אַ ריכטיקע, זענען מיר נישט זיכער, צו די טאַקטיק פון נישט־באָיקאָט צו דער צווייטער דומע, איצט, איז נישט קיין טעות" — וויעסטניק זשיזני נ' 13). בײַ אַזאַ לאַגע האָבן די שרעקלעכע רעפּרעסיעס ספּעציעל אויף ייִדישע אַרבעטער געווירקט אויף אונדז אַז מיר זענען כמעט אומעטום אין פּוילן געווען פאַרן באָיקאָט — און מיר האָבן טאַקע נישט גענומען קיין אָנטייל אין די וואַלן.

צו דער צײַט האָט מען זיך אָנגעהויבן גרייטן צום 2טן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי, וואָס איז ענדלעך פאָרגעקומען זומערצײַט אין קראָקע (יולי 1907). די וואַלן צום צוזאַמענפאָר זענען געווען דירעקטע, אין אַלע פאַכגרופּעס דורך ספּעציעלע סעקרעטניקעס וואָס זענען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן דורכן וואַרשעווער קאָמיטעט. איך געדענק גענוי אַז אין וואַרשע האָט די גרעסטע צאָל שטימען באַקומען יצחק טאַבענקין. ווער איז געווען דער צווייטער — געדענק איך נישט, אָבער געוויילט זענען געוואָרן צוויי דעלעגאַטן און צוויי קאַנדידאַטן: יצחק ט., בן־ציון, ישעיהו (אפרים בלומענפעלד), און איך — צוויי פון אונדז האָבן באַקומען מאַנדאַטן פון אַנדערע שטעט — זענען מיר אַלע פיר געווען אין קראָקע.

דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען בײַ אַ געהויבענער שטימונג, ווײַל די עסטרײַכישע חברים האָבן אונדז אויפגענומען מיט גרויס פּאָמפּע. אויך האָבן מיר זיך געפילט זייער גוט — דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר זענען געווען זיכער אַז מיר וועלן דערפירן די אַרבעט ביז צום סוף. אויפן צוזאַמענפאָר זענען אַרומגערעדט געוואָרן אַ סך טעאָרעטישע פראַגעס — צווישן זיי אויך די באַגרינדונג פון פּאַלעסטיניזם. דאָ איז פאָרגעקומען די ענדגילטיקע שלאַכט צווישן די פּרינציפּיעלע און פּראַקטישע פּאַלעסטינצעס. דעם רעפעראַט וועגן פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם האָבן די פּוילישע

חברים איבערגעגעבן מיר — נאָך מיר איז אַרויס באָראָכאָוו און האָט פאַרשטייט זיך, מיט זיין גרויסער ערודיציע געמאַכט פון אונדזער באַגרינדונג אַש און בלאָטע — ער האָט עס אָבער גע־מאַכט אויף אַ וויסנשאַפטלעכן שטייגער, און הגם אונדז האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, אָבער מיר האָבן געשוויגן. (דאָס האָט, אגב, נישט געשטערט באָראָכאָוון אויפן דריטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער פאַרטיי מיט 10 יאָר שפּעטער, ווען ער איז געקומען פון אַמעריקע, אין אויגוסט 1917 אין קיִעוו, צו פאַרטיידיקן דווקא דעם אידעאָלאָגישן מאָמענט אין פּאַלעסטיניזם און כמעט זיך דער־נענטערן צו אונדזער אַלטער שטעלונג). נאָך באָראָכאָוון איז אַרויסגעטרעטן דער ח׳ כאַשין, וועלכער האָט שוין אָפּערירט מיט אַ סך ווייניקער טעאָרעטישע אַרגומענטן אָבער מיט אַ סך פּאָלע־מישן גלאַנץ. זיין שאַרפער פּאָלעמישער טאָן האָט אונדז אַזוי אויפ־געדעגט אַז אַלס צייכן פון פּראָטעסט האָבן מיר באַשלאָסן זיך נישט צו באַטייליקן ווייטער אין דער דיסקוסיע.

ס׳איז געווען ערב דעם 8טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַאַג. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַ פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע, געדאַרפט בלויז אָפּצאָלן פאַר אַ גע־וויסן סכום שקלים, און לויט דעם חשבון פון די איינגעצאָלטע שקלים געהאַט אַ באַשטימטע צאָל דעלעגאַטן צום קאָנגרעס. היות ווי דער צ״ק האָט דעמאָלט אָפּגעצאָלט פאַר 800 שקלים, האָבן מיר גדאַרפט פיר דעלעגאַטן. אויסגעקליבן זענען געוואָרן: באָ־ראָכאָוו, כאַשין, בערלינרויט (אַרסקי) און איך. צום קאָנגרעס איז געפאָרן אַלס גאַסט אויך דער ח׳ י. זאַר, מיט וועלכן מיר, די פּוי־לישע, האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַקאַנט אויף אונדזער פאַרטיי־צוזאַמענפאָר. מיר האָבן שוין דעם ח׳ זאַר געקענט פון זיינע אַר־טיקלען אין „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן״, וועלכע האָבן געמאַכט אויף אונדז זייער אַ גוטן איינדרוק מיט דער גרויסער ערודיציע און אָפּט גאַנץ טיפע געדאַנקען.

ער איז דאַן איינגעלאַדן געוואָרן פון די אַמעריקאַנער חברים צו רעדאַגירן דעם באַניַיטן „יִדישן קעמפער״, פון דעמאָלט אָן איז ער געבליבן אין אַמעריקע, ווו ער איז עד היום ביי די רעכטע.

דער 8טער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אייגנטלעך געווען דער ערשטער אויף וועלכן די פּועלי־ציון פון רוסלאַנד זענען גע־קומען אָרגאַניזירט אַלס פּאַרטיי. דאָס איז אָבער אויך געווען דער לעצטער קאָנגרעס אין וועלכן די פּועלי־ציון פון רוסלאַנד האָבן אָנטייל גענומען. צום קאָנגרעס זענען אויך געקומען פּועלי־ציון פון אַנדערע לענדער: פון פּאַלעסטינע — די חברים: אבנר (בן־צבי) און ישראל שוחט — דעמאָלט נאָך גאָר אַ יונגער בחור מיט אַ הייסן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט וועלכן ער האָט נאָך נישט אין גאַנצן פאַרלוירן ביז היינט, ווען ער איז אין די רייען פון אחדות־העבודה, ווו ער בילדעט אַ שטילע אָפּאָזיציע; פון אַמע־ריקע — די חברים: ד״ר קאָפּעלאָוויטש, אַפּעלבוים, יאַקאָבסאָן און, דאַכט זיך, נאָך צוויי חברים: פון עסטרייך — קאַפּלאַנסקי, שוסהיים (אַנדערע געדענק איך נישט.) געווען אויך חברים פון רומעניע, דאַכט זיך ד״ר גאָלדהאַמער, און, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אויך פון בולגאַריע, ווו ס׳איז אַ ביסל שפּעטער רעגל־מעסיק אַרויסגעגאַנגען אַ פּ״צ־אָרגאַן „פּראָבודאַ״.

אונדזער ראָלע אויף דעם קאָנגרעס איז געווען באמת אַ קלעגלעכע. אונדזערע אומגליקן האָבן זיך אָנגעהויבן דערפון וואָס מיר האָבן באַקומען די ערגסטע פּלעצער — אין גרויסן לאַנגן זאַל האָבן מיר באַקומען כמעט די לעצטע פּלעצער — מיר האָבן פּאַקטיש גאָרנישט נישט געזען און גאָרנישט געהערט. ווען מען נעמט אין אַכט אַז אויף די ערשטע קאָנגרעסן האָט מען זייער פיל גערעדט ענגליש, פראַנצויזיש — וועגן דייטש איז שוין אָפּ־גערעדט — (אויף יִדיש און העברעיִש האָט מען גערעדט גאַנץ זעלטן) און מיר האָבן דווקא די ערשטע צוויי שפּראַכן גאָרנישט נישט געקענט און דייטש — ווי אַלע יִדן, איז פאַרשטענדלעך אַז מיר האָבן אייגנטלעך נישט געוווּסט אויף וואָסער וועלט מיר זע־נען.

והשנית, אַז ס׳איז געקומען צום באַריכט פון אַקציאָנס־קאָ־מיטעט, וועלכן מען האָט צעטיילט אַלע דעלעגאַטן, האָבן מיר גע־מוזט אַרויסשטעלן אַ רעדנער. דער גורל איז געפאַלן אויף כאַשינען. דאָס אומגליק איז אָבער געווען וואָס אַרבעטנדיק די גאַנצע צייט ביי אומלעגאַלע באַדינגונגען אין רוסלאַנד זענען מיר אַבסאָלוט נישט געוווינט צו עפנטלעכע „פּאַרלאַמענטאַרישע״ אַרויס־טרעטונגען און דעריבער נישט איין מאָל אַריינגעפאַלן ווי אַ יוון אין אַ סוכה.

כאַשין האָט זיך געבעטן, מ׳זאָל אים באַפרייען פון דער רעדע, ווייל, האָט ער געטענהט, ער ווייסט נישט וואָס צו זאָגן. מיר האָבן זיך אויך אייגנטלעך זייער שוואַך אָריענטירט אין דער טעטיקייט פון אַקציאָנס־קאָמיטעט, און האָבן נאָר אַלס משל אָנגעוויזן כאַשי־נען אַז אָט האָט דער אַקציאָנס־קאָמיטעט אויף אַ מצבה פאַרן ד״ר קאָקעש (אַ מיטגליד פון אַקציאָנס־קאָמיטעט) אויסגעגעבן דריי טויזנט פראַנק, בשעת פאַר דער אַרבעט אין פּאַלעסטינע כמעט נאָר די העלפט. כאַשין האָט זיך דערפרייט מיט דעם דאָזיקן מאַטעריאַל, ער האָט אָבער אָט די שטעל אין זיין רעדע געמאַכט גאַנץ אומגע־לונגען און ס׳איז אויסגעקומען אַז ער האָט טענות הלמאי מען האָט געשטעלט אַ מצבה עפּעס אַ קאָקעשן ווען וועלכן מיר האָבן באמת גאַנץ ווייניק געוווּסט. דאָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ אויפרע־גונג צווישן ציוניסטישן עולם אַז מען האָט כאַשינען שוין נישט געלאָזט רעדן.

אין סך־הכל האָבן מיר כמעט אַלע אָנגעהויבן פילן אַז מיר זענען דאָ אויף אַ פרעמדער חתונה, און ביי יעדן פון אונדז האָט אָנגעהויבן גריבלען דער געדאַנק אַז מיר מוזן רעווידירן אונדזער שטעלונג צום ציוניסטישן קאָנגרעס. מיר האָבן באַשיימפּערלעך זיך איבערצייגט אַז נישט נאָר צוליב אונדזער קליינער צאָל האָבן מיר נישט געהאַט קיין שאַנסן צו האָבן השפּעה אויפן קאָנגרעס. פון דער באַציִונג צו אונדז האָבן מיר זיך איבערצייגט אַז מען דאַרף אונדז אויפן קאָנגרעס נאָר אַלס דעקאָראַציע, ווייל דער גאַנצער קאָנגרעס איז געווען מער נישט ווי אַ שיינע דעמאָנסטראַ־ציע. אַלץ פלעגט אָפּגעטון ווערן הינטער די קוליסן נאָך פאַרן קאָנגרעס, און, פאַרשטייט זיך, אַז צוליב אַזאַ דעקאָראַציע ווי מיר זענען געווען וועט דאָס ציוניסטישע בירגערטום קיין סך נישט מקריב זיין. פאָרנדיק צוריק האָבן מיר שוין צווישן זיך גערעדט אַז אויפן נאָענטן צוזאַמענפאָר אָדער קאָנפערענץ וועט מען מוזן ענדערן די שטעלונג צום קאָנגרעס (כידוע האָט די רוסישע פאַרטיי אויף דער נאָענטסטער קאָנפערענץ אין קראָקע 1909 טאַקע באַ־שלאָסן מער נישט צו נעמען קיין אָנטייל אין די ציוניסטישע קאָנ־גרעסן).

איין קאָמישער עפּיזאָד איז מיר געבליבן אין זכרון. אונדזערע פּאַלעסטינער דעלעגאַטן — די חברים בן־צבי און שוחט — זענען געקומען צום קאָנגרעס מיט די לעצטע גראָשנס און נישט געהאַט מיט וואָס אַוועקצופאָרן. מיר האָבן מיט דער הילף פון אונ־דזערע אויסלענדישע חברים געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו גע־פינען פאַר זיי די נייטיקע מיטלען. אָבער ביי זיי ביידן איז אַנט־שטאַנען אַ געניאַלער געדאַנק אַז זיי קאָנען נאָך דערפון מאַכן אַ גוט געשעפט. אָנשטאָט אויסצוגעבן די פאָר הונדערט פראַנק אויף שיפסקאַרטן און באַנגעלט וועלן זיי בעסער קויפן צוויי וועלאָסי־פּעדן, אויף וועלכע זיי וועלן אַוועקפאָרן מיט דער יבשה דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל און קליין־אַזיע גלייך קיין פּאַלעסטינע. אַזוי אַרום וועלן זיי קומען אַהיים און דערביי בלייבן ביי די וועלאָסי־פּעדן. אונדזערע „פּראַקטישע״ חברים איז גאָר אין קאָפּ נישט איינגעפאַלן אַז פאַר דער צייט פון דער נסיעה וועלן זיי דאַרפן אויפעסן אַ סך מער ווי די וועלאָסיפּעדן וואָלטן געקאָסט. זיי האָבן אָבער גאַנץ ערנסט פאַרטיידיקט זייער פּלאַן און זענען געווען באַ־לייִדיקט אויף אונדז וואָס מיר האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון לאַכן הערנדיק זייערע פּלענער.

אַרויסגענומען פון דעם „יִדישער אַרבעטער פּנקס״ (אַ ביסל פאַרקירצט) פאַרלאַג „נייע קולטור״ וואַרשע 1920.

ג. סלאָנימסקי

# אַטענטאַט אויפֿן גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן

## אין מלאָצינער וועלדל

אויף די ראָגעס פון די גאַסן שטייען סאָלדאַטן מיט אויפגעשפּיצטע שפּיזן אין די ביקסן, כמעט יעדער פאַרבײַגייער ווערט רעווידירט, די ביקסן־קאָלבעס לאָזן זיך יעדע ווײַל אַראָפּ מיט אַ האַרטן קנאַק אויף די פּלייצעס פון די רעווידירטע. די תפיסות און די אַרעסט־קאַמערן בײַ די קאָמיסאַריאַטן זענען פול מיט אַרעסטירטע. מ׳שלאָגט און מען פּײַניקט, תליות שטייען גרייט, דער טויט שוועבט איבערן קאָפּ פון הונדערטער רעוואָלוציאָנערן. פּלאַקאַטן איבער די גאַסן מעלדן: ס׳איז אויסנאַם־צושטאַנד, דאָס לעבן פון די בירגער איז הפקר, איבערגעענטפערט אין די הענט פון פּאָליציי און סאָלדאַטן!

ס׳איז דאָס יאָר 1906.

דער הויפּט־תלין וווינט אין בעלוועדער. דאָס איז דער גענעראַל־גובערנאַטאָר איבער פּוילן — ס ק אַ ל אָ ן. ער האָט באַקומען ברייטע פולמאַכטן און ער נוצט זיי אויס אויף אַן אכזריותדיקן אופן. ער באַפעלט — און מ׳הענגט, מען פּײַניקט, מען שלאָגט טויזנטער און טויזנטער פרײַהייטס־קעמפערס און אַרבעטער־טוערס, מיט שווידער און צאָרן דערמאָנט מען זײַן נאָמען. דאָס בלוט און די לײַדן פון די פאַרפּײַניקטע אין די תפיסות מאָנט נקמה. יעדן בירגער וועלכן ס׳קומט אויס פאַרבײַצוגיין דעם בעלוועדער־פּאַלאַץ וווּ דער תלין האָט זײַן רעזידענץ, וווּ עס שרײַבט אונטער טויטאורטײַלן דער גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן — וואַרפט אַהין אַ קללה פון האַס און צאָרן, דראָט מיט אַ באַהאַלטענער פויסט. דאָס געפיל פון נקמה זידט און קאָכט אין די נשמות פון געפּײַניקטע אַרעסטאַנטן, אין די הערצער פון אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון לאַנד:

— ווען וועט זיך אויפהייבן די האַנט אויפן תלין סקאַלאָן? ווען וועט קומען די שעה פון נקמה? . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין מלאָטשינער וועלדל הינטער וואַרשע. אַ שיינער זומערטאָג פון יולי 1906. עטלעכע אַרבעטער זיצן אויפן גראָז. אין פּאַרשידענע פונקטן פון וואַלד שטייען נאָך אַרבעטער. זיי גיבן אַכטונג — טאָמער דערנענטערט זיך פּאָליציי, טאָמער באַווײַזט זיך אַ שפּיאָן. די דאָזיקע גרופּע איז אַהערגעקומען אויף אַ געהיימער באַראַטונג. ביז איצט פלעגט מען די זיצונגען אײַנאָרדענען אין אַ שטוב. אָבער אַלע וווינונגען זענען דורכגעפאַלן. די פּראָוואָקאַטאָרן האָבן אַ סך קאָנספּיראַטיווע דירות אויסגעגעבן. מ׳האָט זיך דעריבער געמוזט פאַרזאַמלען אין וואַלד. כדי צו מאַסקירן דעם אמתן צוועק פון דעם דאָזיקן צוזאַמענקונפט האָט מען מיטגעבראַנגט מיט זיך ברויט, ווורשט, בראָנפן און פרוכטן. מ׳האָט זיך אויסגעטון די מאַרינאַרקעס, אויסגעצויגן זיך אויפן גראָז, און אַזוי אַרום געפירט די זיצונג. פון דעסט וועגן האָט מען אַוועקגעשטעלט היטער. נישט קוקנדיק אויף אַלעם קאָן פּאָליציי אַרעסטירן. ס׳קאָנען אַרויסקומען נישט קיין אָנגענעמע געשיכטעס. אַ סך פון די אָנוועזנדיקע האָבן דאָך בײַ זיך געווער, זענען פאַרצייכנט אין דער „אָכראַנקע".

— נו, ברונאָן, געפעלט דיר דער דאָזיקער פּלאַן — האָט זיך איינער פון די אָנוועזנדיקע געווענדט צו אַ מאַן פון אַ יאָר דרײַסיק, מיט אַ מאַט־געלבלעך געזיכט, קליינע, שאַרפע אויגן און טיפע קנייטשן אויפן שטערן, נישט געקוקט אויף זײַנע דרײַסיק יאָר. זײַן געזיכט איז געווען ערנסט און גלײַכצײַטיק האָט געאָטעמט דערפון מיט האַרציקייט און מילדקייט.

— איך בין נישט מסכים מיט דעם עפּלאַן, — האָט ברונאָן געענטפערט, — ווײַל ער איז כמעט נישט אויספירבאַר. וואַרפן אויף סקאַלאָנען אַ באָמבע אויף דער גאַס איז אַן אוממעגלעכע זאַך. איר ווייסט דאָך אַז דער דאָזיקער תלין פון בעלוועדער באַווײַזט זיך זעלטן אויף דער ליכטשײַן. דער שטשור קריכט כמעט קיין מאָל נישט אַרויס פון זײַן לאָך. ער ווייסט, אַז די האַנט פון נקמה לויערט אויף אים. פאָרט ער שוין יאָ אַ מאָל אַרויס פון בעלוועדער — ווייסטו קיין מאָל נישט ווען, מ׳זאָגט קיין מאָל פריִער נישט אָן. און חוץ דעם ווערט זײַן קאַרעטע אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטער קייט פון טשערקעסן. מילא פון שפּיצלעס און געהיים־אַגענטן איז דאָך אָפּגערעדט. אַ גאַנצע סטאַדע שפּיאָנען גיט זיך אַ לאָז אַרויס אויף די גאַסן איבער וועלכע סקאַלאָן פאָרט דורך. וואַרפן אַ באָמבע בײַ אַזעלכע באַדינגונגען איז אַן אַרויסגעוואָרפענע טרחה און וועט ברענגען בלויז שאָדן אונדזער זאַך.

— דאַרפן מיר, הייסט עס, דעם דאָזיקן תלין ווײַטער לאָזן לעבן? — האָט אַן אויפגערעגטער זיך אָנגערופן אַ יונגער אַרבעטער און זײַנע אויגן האָבן העליש אויפגעבליצט, — טויזנטער פאָדערן זײַן קאָפּ! ער טאָר נישט ווײַטער לעבן, ווײַל זײַן לעבן קאָסט אונדזער אַלעמענס לעבן. חברים, יעדער איינער פון אונדז וועט נעמען אַ באָמבע, מיר וועלן וואַרטן איין טאָג, צוויי טעג, צען טעג — און פּאַקן מוזן מיר דעם הונט! וועט נישט טרעפן איין באָמבע, וועט אים טרעפן די צווייטע. מיר, יונגע קעמפערס, זענען גרייט אויף קרבנות!

— נו, חבר, אײַער באַגײַסטערונג געפעלט מיר, — האָט געענטפערט ברונאָן און אַ לײַכטער שמייכל האָט באַדעקט זײַן געזיכט, — אַזעלכע ווי איר זענט זענען העלדישע סאָלדאַטן פון קאַמף, אָבער דער דאָזיקער קאַמף, מײַן פרײַנד מוז געפירט ווערן מיט אַ פּלאַן, אויסגערעכנט. אַלץ, יעדע מינדסטע קלייניקייט, דאַרף ווערן געוויגן און געמאָסטן, יעדער קאַמף דאַרף קודם כל האָבן זײַן סטראַטעגיע, אַנדערש וועלן מיר אים פאַרשפּילן.

— נו, גענוג מיט סטראַטעגיע, ברונאָן, — האָט זיך אָנגערופן דער פאָרזיצער פון דער געהיימער באַראַטונג — אויב דו האָסט אַ פּלאַן, לייג אים פאָר, מיר אַלס דער עקזעקוטיוו פון דער וואַרשעווער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, האָבן דאָס רעכט אים אָנצונעמען אָדער אָפּוואַרפן.

ברונאָן האָט אַ רגע געשוויגן, ווי ער וואָלט זיך געוואַקלט צו זאָגן דאָס וואָס ער האָט געהאַט בדעה צו זאָגן, דערנאָך האָט ער דערקלערט מיט אַן ערנסטער שטים:

— די גענויע פּרטים פון מײַן פּלאַן האָב איך נאָך נישט אויסגעאַרבעט, ווײַל דערצו זענען מיר נייטיק געווען עטלעכע חברים וואָס האָבן געדאַרפט אויספאָרשן אַ סך זאַכן וועלכע זענען פאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן פּלאַן. אָבער דער עיקר קאָן איך אײַך שוין איבערגעבן. איך האָב אַ מיטל ווי אַזוי סקאַלאָנען אַרויסצונאַרן פון בעלוועדער און מיר זאָלן וויסן גענוי אויף וועלכער גאַס ער וועט דורכפאָרן.

— אַ מיטל ווי אַזוי אים אַרויסצונאַרן פון זײַן באַהעלטעניש?
— האָבן עטלעכע זיך געוווּנדערט, — אדרבא, ווי אַזוי? אַ קשיא צי ער וועט זיך אָבער לאָזן אַרויסנאַרן! דער דאָזיקער הונט האָט אַ גוטן חוש, ער שפּירט די געפאַר.

— אונדזער אויפגאַבע דאַרף טאַקע באַשטיין דערין, — האָט ברונאָן דערקלערט מיט אַ געהיימנישפולן שמייכל — אַז סקאַלאָן זאָל מ ו ז ן אַרויספאָרן פון בעלוועדער, זאָל מוזן פאָרן אויף אַ באַשטימטער גאַס, אויף אַ גאַס ווו מ י ר ווילן, און דאָרטן וועט שוין זײַן צוגעגרייט פאַר אים דאָס שטײַגל אין וועלכן דער שטשור וועט מוזן אַרײַנפאַלן.

— ווי אַזוי שטעלסטו זיך דאָס פאָר? — האָט געפרעגט דער פאָרזיצער — מיט וועלכע מיטלען קאָנען מיר צווינגען סקאַלאָנען צו פאָרן אויף אַ באַשטימטער גאַס? צי וועט ער זיך נישט כאַפּן אַז דאָס גרייט מען פאַר אים אַ נעץ? דאָס קלינגט אַ ביסל פאַנטאַסטיש, ברונאָן!

— כאַ־כאַ־כאַ, פאַנטאַסטיש גאָר? — האָט זיך ברונאָן צעלאַכט, אָבער באַלד איז זײַן געזיכט ווידער געוואָרן ערנסט. — דער ענין איז זייער פשוט, מען דאַרף נאָר האָבן דערצו פּעיִקע מענטשן. הערט, חברים, די זאַך שטעלט זיך פאָר אַזוי: מיר אינסצעניזירן אַ סצענע בעת וועלכער עס זאָל פיזיש באַליידיקט ווערן אַ פאָרשטייער פון אַן אויסלענדישער מלוכה, לאָמיר זאָגן אַ פאָרשטייער פון דײַטשלאַנד. לויט די אָנגענומענע מנהגים וועט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר דעם דאָזיקן פאָרשטייער מוזן איבערבעטן, סקאַלאָן וועט זיכער באַקומען אַזאַ באַפעל פון פעטערבורג. ער וועט דאָך מוזן דעם באַליידיקטן אויסדריקן זײַן באַדויערן איבער דעם געשעענעם פאַרפאַל.

— אָבער איך פאַרשטיי דיך נישט גענוי, — האָט דער פאָרזיצער געהויבן מיט די אַקסלען, — ווי אַזוי וועלן מיר באַליידיקן אַן אויסלענדישן פאָרשטייער און סקאַלאָן זאָל אים דאַרפן אויסדריקן באַדויערן? מ'וועט אַזעלכן וואָס וועט באַליידיקן דעם אויסלענדישן פאָרשטייער פשוט אַרעסטירן און — דערליידיקט.

— באַליידיקן דאַרף אים אַ רוסישער אָפיציר . . . — האָט ברונאָן געענטפערט מיט אַ לײַכטן שמייכל.

— אַ רוסישער אָפיציר? — האָבן זיך אַלע געוווּנדערט, — ווי אַזוי וועלן מיר צווינגען אַ רוסישן אָפיציר, ער זאָל, לאָמיר זאָגן, אַראָפּלאָזן אַ פּאַטש דעם דײַטשן קאָנסול? דאָס איז דאָך אַן אויסגעשלאָסענע זאַך.

— אָבער ווער זאָגט עס אײַך, חברים, אַז דאָס דאַרף זײַן אַן אמתער רוסישער אָפיציר? צי קען עס נישט זײַן אַן אַרבעטער פון אַ וואָליער פאַבריק? ער דאַרף נאָר טראָגן אַן אָפיצירישן מונדיר און קאָנען גוט שפּילן די ראָל.

— אַהאַ, אַזוי מיינסטו? — האָט דער פאָרזיצער זיך געכאַפּט.

— דאָס איז טאַקע אַן אײַנפאַל, — האָבן אַלע באַשטעטיקט.

— גיט מיר צוויי וואָכן צײַט און איך דערליידיק דעם גאַנצן ענין, — האָט ברונאָן דערקלערט מיט אַ פעסטער שטים, — איך וועל וועלבירן די געהעריקע מענטשן און מיט זייער הילף וועט אַלץ אַדורכגעפירט ווערן גענוי און פּינקטלעך. זענט איר מסכים מיט מײַן פּלאַן?

— דײַן פּלאַן איז נאָך פאַר אונדז פאַרנעפּלט, — האָט דער פאָרזיצער דערקלערט, — דו מוזט אונדז אָנגעבן אַלע פּרטים. דאַן וועט אים דער עקזעקוטיוו באַשטעטיקן.

— מ'מוז שוין אָנהייבן צו טון, מען טאָר נישט לענגער וואַרטן, — האָט ברונאָן געענטפערט און זײַן שטערן האָט זיך נאָך מער באַדעקט מיט קנייטשן. — מײַן פּלאַן איז נישט פאַרנעפּלט, מײַן פּלאַן איז אַ קלאָרער. חברים: מיר באַליידיקן דעם דײַטשן קאָנסול, — איך האַלט אַז די באַליידיקונג דאַרף פאָרקומען מיט דעם פאָרשטייער פון אַ מלוכה וואָס איז זייער פּאָפּולער אויף איר שטאָלץ און וועט פאָדערן אַ מאָראַלישע סאַטיספאַקציע, — דערנאָך דאַרף מען דינגען אַ דירה אין פראָנט פון דער זעלבער גאַס ווו ס'וווינט דער דײַטשישער קאָנסול. ווען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר וועט קומען איבערבעטן דעם קאָנסול, דאַרפן מיר סקאַלאָנען באַגעגענען פון די פענצטער אַרויס מיט עטלעכע באָמבעס.

— דאָס איז טאַקע אַ פּלאַן, — האָבן די אָנוועזנדיקע מסכים געווען, — אָבער, ברודערקע, נישט אַזוי לײַכט וועט מען אים דורכפירן. דאָס איז אַ שווער שטיקל „אַרבעט".

— און איך נעם זיך אונטער אַלץ דורכצופירן — האָט ברונאָן געענטפערט, — איך דאַרף האָבן אין מײַן רשות אַ געוויסע סומע געלט, עטלעכע באָמבעס פון אַ שטאַרקער אויפרײַסקראַפט, מער נישט. דעם אויסוואַל פון מענטשן, וועלכע זאָלן אויספירן מײַנע אָנווײַזונגען, וועל איך אַליין מאַכן. איר דאַרפט דאָך וויסן, חברים, אַז דערצו זענען נייטיק מענטשן מיט אײַזערנע נערוון און שנעלער אָריענטאַציע, דער עיקר . . .

ברונאָן האָט נישט פאַרענדיקט דעם זאַץ. אַלע אָנוועזנדיקע האָבן זיך בליץ שנעל געגעבן אַ ריס פון די ערטער. איינער פון די היטערס האָט פון דער ווײַטנס געזען פאַרצווייפלטע צייכנס און תיכף גענומען לויפן צו דעם אָרט ווו ס'איז פאָרגעקומען די באַראַטונג. ער איז צוגעקומען אַ פאַרסאָפּעטער און קוים געקאָנט רעדן:

— חברים, אַנטלויפט שנעל אין דער ריכטונג צו דער ווײַסל, — האָט ער געמאָלדן, — אויפן שאָסיי האָט זיך באַוויזן אַ מיליטערישער פּאַטרול. ער גייט גלײַך אין וואַלד אַרײַן. איך גלייב אַז ביז דער ווײַסל וועט ער נישט צוגיין, אויב יאָ — איז שלעכט. קיין אַנדער וועג צו אַנטלויפן — איז נישטאָ!

די גאַנצע גרופּע טעראָריסטן האָט שנעל צונויפגענומען דאָס עסן און אַלע פּאַפּירלעך, צײַטונגען און רעשטלעך וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויפן גראָז, כדי נישט איבערצולאָזן נאָך זיך קיין שום צייכן און זענען שנעל, מיט אײַליקע טריט, אַוועק אין דער ריכטונג פון דער ווײַסל.

## אין דער ראָל פון אַ צאַרישן אָפיציר.

ברונאָן (זײַן אמתר נאָמען איז געווען מיעטשיסלאַוו מאָנקאָווסקי) איז געווען אַן אַלטער קעמפער און אַן אָנגעזעענער מיטגליד אין דער אַמאָליקער פפ"ס די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע האָט, אויסהערנדיק ברונאָנס פּלאַן, אײַנגעשטימט אַז דער דאָזיקער אויסגעפרוּווטער רעוואָלוציאָנער זאָל איבערנעמען די גאַנצע אָנפירונג מיטן געפּלאַנטן אַטענטאַט אויף סקאַלאָנען. ברונאָן האָט זיך אָפּגעגעבן אַ גענויען דין־וחשבון וועגן די שוועריקייטן וואָס זענען פאַרבונדן מיטן אויספירן דעם דאָזיקן פּלאַן, אָבער ער האָט געוווּסט אַז קיין אַנדער ברירה איז נישטאָ. נאָר אויף אַזאַ אופן וועט מען קאָנען אַרויסנאַרן דעם חברה־מאַן פון זײַן באַהעלטעניש און זיך מיט אים אָפּרעכענען. סקאַלאָן האָט געמוזט אומקומען, דאָס האָבן געפאָדערט די טויזנטער רעוואָלוציאָנערן וואָס ער האָט געלאָזט פײַניקן אין די תפיסות, דאָס האָבן געפאָדערט אַלע אונטערדריקטע, פאַרפאָלגטע בירגער פון לאַנד. מ'האָט געמוזט אָנהייבן דורכצופירן דעם שווערן פּלאַן, הגם אויפן וועג זענען געשטאַנען אַ סך שטרויכלונגען. וואָס וועט זײַן אַז מ'וועט דעם איבערגעטוענעם אָפיציר אַרעסטירן? דעמאָלט וועט דאָך אַלץ ווערן אויפגעדעקט און דער גאַנצער פּלאַן וועט צעשטערט ווערן! און טאָמער וועט סקאַלאָן מורא האָבן און וועט דעם באַליידיקטן קאָנסול נישט באַזוכן, באַנוגענענדיק זיך נאָר מיט צושיקן אים אַן אָפיציעלן בריוו? ס'איז דאָך נישט אויסגעשלאָסן אַז דער גענעראַל־גובערנאַטאָר זאָל בלײַבן אין בעלוועדער און שיקן זײַן פאַרטרעטער אויסדריקן באַדויערונג דעם דײַטשן קאָנסול.

אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע ספקות, האָט ברונאָן אָנגעהויבן צו פאַרווירקלעכן זײַן פּלאַן.

צווישן די מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפונען אַן אַרבעטער וועלכער האָט געהאַט אַלע אייגנשאַפטן און פעיִקייטן כדי צו שפּילן די ראָע פון אַ חוצפהדיקן ווילערישן צאַרישן אָפיציר. דער דאָזיקער אַרבעטער איז געווען אַ הויכער, אַ מאַסיוו־געבויטער, מיט אַ פעסטן טריט. ער האָט גערעדט אַ גוטן רוסיש און פאַרמאָגט אַקטיאָרישע פעיִקייטן. ברונאָן האָט דעם דאָזיקן אַרבעטער אויסגעוויילט פאַר דער ראָלע פון דעם אָפיציר וואָס האָט געדאַרפט פיזיש באַליידיקן דעם דײַטשן קאָנסול.

— ברונאָן האָט אײַנגעלאַדן דעם אַרבעטער צו זיך אין שטוב. דאָרטן איז שוין געווען צוגעגרייט אַ שינעל, אַ היטל, און שטיוול פון אַ רוסישן אָפיציר. ברונאָן האָט גענומען אײַנרעפּעטירן מיטן אַרבעטער די ראָל:

— איר וועט דאַרפן האָבן צו טון מיטן וויצעקאָנסול, דעם באַראָן לערכענפעלד. גראָד איז דער קאָנסול גופא אָפּגעפאָרן אויף אורלויב, און וואַרטן אויף זײַן צוריקקומען לוינט נישט. די באַליידיקונג פון וויצעקאָנסול וועט אויך שטאַרק אָנרירן די אַמביציע פון דײַטשן קייזער און ווילהעלם וועט פאָדערן אַן אָפיציעלע אַנטשולדיקונג. די ביוראָ פון דעם דײַטשן קאָנסול געפינט זיך אויף דער יאַסנע־גאַס. אַלע טאָג, אַרום 3 אַ זייגער נאָך מיטאָג, גייט דער וויצעקאָנסול אַרויס פון זײַן ביוראָ און גייט פון דאָרט גלײַך אין יעגערקלוב. וועגן דעם בין איך אינפאָרמירט. איך וועל אײַך צוטיילן אַ חברטע, מיט וועלכער איר וועט שפּאַצירן אויפן וועג ווו דער באַראָן לערכענפעלד גייט דורך. איר דאַרפט זיך שנעל געזעגענען מיט דער דאַמע, צוגיין רויִק צו לערכענפעלדן און אים אַראָפּלאָזן צוויי פּעטש, באַגלייט מיט אַ זידלוואָרט. איר טאָרט אָבער נאָך דעם נישט אַנטלויפן. ס'דאַרף הייסן אַז די צוויי פּעטש האָט איר אים געגעבן צוליב פּאָליטישע טעמים, מכלומרשט דערפאַר וואָס דײַטשלאַנד מישט זיך אין רוסלאַנדס אינערלעכע ענינים. איר פאַרשטייט? איך וועל שוין אַזוי אײַנאָרדענען אַז גראָד זאָל זיך צו יענער צײַט געפינען אַ דראָזשקע, איר דאַרפט באַלד אײַנשטייגן אין דער דראָזשקע. פאַרשטייט זיך אַז דער דראָזשקאַזש וועט זײַן איינער פון אונדזערע חברים און וועט אײַך באַלד אָפּפירן אויף אַ זיכערן אָרט. נאָכן טאַט דאַרפט איר מיט רויִקע, שטאָלצע טריט צוגיין צו דער דראָזשקע און מכלומרשט נאָך אַלץ ווײַטער דראָען דעם באַראָן. אָבער געדענקט, חבר, צו האַלטן זיך שטאָלץ און מיט ווערדע, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אָפיציר. נו, שטייט נאָר גלײַך, הייבט נאָר אָן צו גיין, אָט אַזוי, זייער גוט, — איז ברונאָן געווען צופרידן פון דעם אַרבעטערס גלענצנדיקן שפּילן די ראָל, — און איצט ווײַזט ווי אַזוי צו געבן „טשעסט". פאַרגעסט נישט אַז אויפן וועג קענט איר דאָך טרעפן זעלנער און אַנדערע אָפיצירן, מיט וועלכע איר וועט זיך דאַרפן באַגריסן אויפן מיליטערישן אופן.

אָ, איך קען דאָס אַלץ אויסגעצייכנט, חבר ברונאָן, — האָט דער אַרבעטער געענטפערט, — איך פאַרזיכער אײַך אַז אפילו מײַן אייגענע מוטער וואָלט מיך נישט דערקענט, ווען זי וואָלט מיך געטראָפן אויף דער גאַס. איך וועל קלינגען מיט מײַנע שפּאָרן אַז ס'וועט גיין אַ רויך! די גאַס וועט פאַר מיר דרך־ארץ האָבן, אַז מ'וועט מיר אָפּטרעטן דעם וועג. זאָרגט אײַך נישט, איך וועל אָפּשפּילן מײַן ראָל אַזוי, אַז קיינעם וועט זיך נישט אפילו חלומען אַז געפּאַטשט דעם באַראָן לערכענפעלד האָט אַן אַרבעטער פון טעמלער און שווערדעס גאַרבערײַ...

— נו, איך פאַרלאָז זיך אויף אײַך, חבר, — האָט ברונאָן דערקלערט, — געדענקט אַז פון אײַך איז אַ סך אָפּהענגיק און, אפשר, אַלץ! אַלזאָ, פון מאָרגן אָן זענט איר אַ רוסישער אָפיציר פון אַ פּראָווינצער פּאָלק, ווײַל די ראָל פון אַן אָפיציר פון אַ וואַרשעווער פּאָלק טאָרט איר דאָך נישט שפּילן. איר קענט גראָד אָנטרעפן אויפן וועג אָפיצירן פון וואַרשעווער גאַרניזאָן און איר וועט זיי דאָך זײַן אומבאַקאַנט. דאָס קאָן אַרויסרופן אַ חשד. די עפּאָלעטן פון אײַער שינעל זענען דעריבער פון אַ פּאָלק וואָס געפינט זיך אין קאַליש. איר דאַרפט דאָס געדענקען, טאָמער באַגעגנט אײַך אַ גענעראַל, אָדער אַ פּאָלקאָווניק. איר פאַרשטייט?

די ראָל איז געוואָרן גענוי אײַנשטודירט. ברונאָן האָט זיך איבערצײַגט אַז ער קאָן זיך אויף דעם דאָזיקן אַרבעטער גענוי פאַרלאָזן. די ערשטע העלפט פון פּלאַן איז שוין געווען צוגעגרייט. איצט האָט מען געדאַרפט צוגרייטן די צווייטע, וויכטיקסטע העלפט. מ'האָט געדאַרפט דינגען אַ דירה אויף דער גאַס ווו ס'וווינט דער וויצעקאָנסול און געפינען פעיִקע מענטשן וועלכע זאָלן, אין דעם מאָמענט ווען סקאַלאָן וועט אַדורכפאָרן, אַראָפּוואַרפן דורכן פענצטער די באָמבעס.

ברונאָן האָט באַשלאָסן אַז די דאָזיקע „אַרבעט" זאָל דורכגעפירט ווערן דורך פרויען. נישט געקוקט דערויף וואָס אַ סך מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָבן זיך געריסן צו דער אַקציע פון אָפּרוימען סקאַלאָנען, נישט געקוקט אויף די פּראָטעסטן פון פאַרשידענע חברים אַז פרויען וועלן נישט פעיִק זײַן אויסצופירן דעם דאָזיקן געפערלעכן אַטענטאַט, נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, האָט ברונאָן באַשטימט עטלעכע פרויען וועלכע האָבן דאַן געדאַרפט דורכפירן דעם באָמבעס־אָנפאַל איבערן גענעראַל־גובערנאַטאָר.

# האַרנאַ

אַ נײַנצניעריק מיידל מיט בלויע, שמייכלענדיקע אויגן און טונקל בלאָנדע האָר זיצט אויף אַ באַנק אין זאַקסישן גאָרטן און לייענט אַ בוך. איר נאָמען איז וואַנדאַ קרוכאַלסקאַ, זי איז נישט לאַנג אין וואַרשע, אָבער זי האָט שוין באַוויזן פאַר דער צײַט איבערצוטראָגן אין בוזעם געווער פון איין אָרט אויפן אַנדערן, לערנען זיך שיסן, אַוועקטראָגן אין אַ קוישל עטלעכע באָמבעס. זי האָט שוין באַוויזן צו נעמען אַ טעטיקן אָנטייל אין דער אַרבעט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. הגם קיין אַטענטאַטן האָט זי נאָך ביז איצט נישט אויסגעפירט, האָט זי דאָך אַלע אַנדערע אָנפאַרטרויטע אַרבעטן דערלידיקט גלענצנדיק און געוויסנהאַפט. איר פּאַרטיי־פּסיידאָנים איז געווען „האַרנאַ". זי איז געווען בײַ אַלעמען באַליבט, ווײַל זי האָט אַלע חברים און חברטעס פון דער פּאַרטיי אָנגעשטעקט מיט רעוואָלוציאָנערער באַגײַסטערונג און יוגנטלעכער פרייד.

האַרנאַ האָט איצט אויף אימעצן געוואַרט. מ'האָט איר געגעבן צו וויסן אַז זי איז נייטיק צו אַ געוויסער „אַרבעט". און וואָס די דאָזיקע „אַרבעט" וועט באַשטיין האָט מען איר נישט געזאָגט. ס'האָט געדאַרפט קומען אַ חבר וועלכער האָט איר אַלץ געדאַרפט איבערגעבן. זי האָט געוואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולדיקייט, אָבער כדי נישט אַרויסצורופן וועלכן ס'איז פאַרדאַכט, האָט זי זיך מכלומרשט פאַרטיפט אין אַ בוך. אָבער זי האָט נישט געלייענט. דאָס האַרץ האָט איר געהאַמערט. זי איז געווען פול מיט שפּאַנונג. האַרנאַ האָט פאַרגעפילט אַז מ'גרייט זיך איר איבערצוגעבן אַ גרעסערע „אַרבעט", און דאָס האָט זי שטאַרק דערפרייט. די געוויינלעכע, ריין טעכנישע אַרבעטן אין דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָבן זי נישט צופרידנגעשטעלט. זי האָט געבענקט און זיך געריסן צו אַ גרויסן טאַט. אָ, ווען מ'גיט איר איבער אויסצופירן אַן אַטענטאַט אויף דעם תלין וואָס הערשט אין בעלוועדער און פּײַניקט אַזוי אכזריותדיק דאָס גאַנצע לאַנד! שוין לאַנג ווי בײַ איר אין קאָפּ איז געבוירן געוואָרן אַ פּלאַן צו דערהרגענען סקאַלאָנען; זי האָט דעם פּלאַן געוואָלט דורכפירן צוזאַמען מיט איר קוזינע מאַראַ. ביידע מיידלעך האָבן איין מאָל, ליגנדיק צוזאַמען אויפן געלעגער אין אַ שטילער פרילינגסנאַכט, אָפּגערעדט צווישן זיך אויסצופירן אַן אַטענטאַט אויף דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר. זיי האָבן באַשלאָסן דעם פּלאַן דורכצופירן אויף אייגענער האַנט. ביידע מיידלעך האָבן זיך געזאָלט בײַ נאַכט אַרײַנגנבענען אין בעלוועדער־גאָרטן, באַהאַלטן זיך צווישן די קלאָמבעס בלומען, און בעת סקאַלאָן וועט מאַכן זײַן געוויינלעכן שפּאַציר איבערן גאָרטן, שיסן צו אים פון צוויי רעוואָלווערן. האַרנאַ איז גרייט צו שטאַרבן, זי ווייסט אַז ראַטעווען זיך דערנאָך, אַנטלויפן איז אַן אוממעגלעכע זאַך. די וואַך פון די דאָנער קאָזאַקן וואָלט די ביידע מיידלעך תיכף געכאַפּט און וואָלט זיי געהאָנגען. אָבער האַרנאַ שרעקט זיך נישט דערפאַר, זי וויל נאָר איינס: סקאַלאָן זאָל אומקומען! שוין עטלעכע מאָל האָבן ביידע מיידלעך זיך געפּרוּווט צוקריגן צום בעלוועדער, אָבער די גאַנצע געגנט אַרום דעם גאָרטן איז פול מיט שפּיאָנען. מען טרײַבט, מען לאָזט זיך נישט אָפּשטעלן. האַרנאַ וויל אָבער נישט רעזיגנירן פון איר פּלאַן, זי וועט נאָך דעם נקמה־אַקט איבער סקאַלאָנען אויספירן! צי גרייט מען אפשר, איבערצוגעבן איר די דאָזיקע „אַרבעט"? אָ, מיט וואָס פאַר אַן אומגעדולדיקייט זי וואַרט שוין אויף דעם חבר. זאָל עס זײַן ברונאָן? אָט גייט ער דאָך, ער שמייכלט שוין צו איר פון דער ווײַטנס...

— חבר ברונאָן? — פרעגט זי איבער — איך וואַרט שוין אויף אײַך לאַנג.

ער רוימט איר שטיל אײַן:

חברטע האַרנאַ, אין גאָרטן דרייען זיך אַרום אַ סך שפּיצלעס, לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען.

זי שטעלט זיך אויף, באַטראַכט אים מיט אַ וואַרעמען און פרעגנדיקן בליק. ער זאָגט צו איר: — עס טויג נישט אַז מיר זאָלן צוזאַמען אַרויסגיין פון גאָרטן. ס'קאָן פאַלן אַ פאַרדאַכט אויך אויף אײַך, ווײַל די שפּיצלעס קענען מיך אוודאי. איך גיי אויף וואָלסקע 3. איך דערוואַרט אײַך דאָרט אין אַ האַלבער שעה אַרום. קומט צו פאָרן מיטן טראַמוויי. איך האָב אײַך איבערצוגעבן זייער אַ וויכטיקע „אַרבעט".

אָ, חבר ברונאָן! — האָט זי אויסגערופן און אין איר שטים איז געלעגן אַזוי פיל דאַנקבאַרקייט, אַזוי פיל באַגײַסטערונג, ווי זי וואָלט געוווּסט אַז ער גרייט צו פאַר איר אַ גרויסע „אַרבעט", אַזאַ „אַרבעט" צו וועלכער זי רײַסט זיך שוין לאַנג. זי האָט אים פעסט געדריקט די האַנט און אירע בלויע אויגן האָבן געלויכטן ווי דער פּרעכטיקער יולי־הימל.

ברונאָן איז שנעל אַוועק. דער זאַקסישער גאָרטן איז דאַן טאַקע פול געווען מיט שפּיאָנען, וועלכע האָבן דורכגעשטאָכן מיט זייערע שפּיזיקע בליקן אַלע פאַרבײַגייערס. אַ שפּיאָן האָט ברונאָן באַגלייט ביזן אַרויסגאַנג. ברונאָן האָט דאָס דערפילט. ער איז דעריבער אַרויס אין דער זײַט פון דער קרולעווסקע, וווּ ס'איז אַ גרויסע באַוועגונג, אַרײַן אין דער מאַרשאַלקאָווסקע, און דאָרט זיך צונויפגעמישט מיטן געדיכטן עולם שפּאַצירנדיקע. דער שפּיאָן האָט אים תיכף פאַרלוירן פון אויג. דאַן האָט זיך ברונאָן אַרײַנגעזעצט אין אַ טראַמוויַ און אַוועקגעפאָרן אין דער קאָנספּיראַטיווער דירה, אויף וואָלסקע 3. ווי נאָר ער איז אָנגעקומען און קוים באַוויזן צו פאַרמאַכן די טיר, האָבן זיך דערהערט עטלעכע לײַכטע קלעפּ. ער האָט געעפנט. ס'איז געווען האַרנאַ. זי האָט שווער געאָטעמט פון שנעלן לויפן איבער די שטיגן, אָבער איר געזיכט האָט געשטראַלט.

אָ, ווי שנעל איר זענט געקומען! — האָט ברונאָן באַמערקט און זי געבעטן זיצן.

— שטעלט אײַך פאָר, — האָט זי דערקלערט, אָטעמענדיק שווער, — אַרויסגייענדיק פון גאָרטן האָב איך געפילט אויף זיך די באַקאַנטע כוליגאַנישע בליקן פון אַ שפּיאָן. איך האָב פאַרשטאַנען אַז ער וועט מיך שוין נישט אָפּלאָזן פון אויג און איך וועל צו אײַך נישט קאָנען אַהערקומען. זעענדיק ווי ער גייט נאָענט פון מיר און שטעכט מיך כסדר דורך מיט זײַן בליק, בין איך צוגעגאַנגען צו אים און בייז אַ זאָג געטון: „מײַן הער, איר האָט אַ טעות, איך בין נישט קיין גאַסנפרוי"... דער שפּיאָן האָט מיר נישט געענטפערט און זיך מאָמענטאַל אָפּגעטראָגן. איך האָב געכאַפּט אַ דראָזשקע און בין שנעל געקומען צו אײַך.

— איר זענט דאָך אַן אמתע העלדין, — האָט ברונאָן אַ זאָג געטון אַ צופרידענער, — איר האָט דעם שפּיצעל פאַרטריבן פון זיך אויף אַ געלונגענעם אופן, אַנדערש וואָלט ער זיך פון אײַך נישט אָפּגעטשעפּעט.

— חבר ברונאָן, לאָמיר איצט נישט רעדן וועגן שפּיאָן, — האָט האַרנאַ האַסטיק גערעדט, — כאַפּט אים דער טײַוול! איך וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויף דער נײַעס וואָס איר דאַרפט מיר זאָגן. איך ווייס אַז איר האָט פאַר מיר עפּעס אַ וויכטיקע „אַרבעט". דערציילט מיר, איך בעט אײַך, אין וואָס האַנדלט זיך? איך בין געוואַלדיק אומגעדולדיק! — האָט זי זיך געבעטן.

— און איך האָב פאַר אײַך אַזאַ „אַרבעט", וווּ ס'איז קודם כל נייטיק געדולד און איר זענט שוין אומגעדולדיק! אָ, דאָס טויג נישט! — האָט ער געזאָגט האַלב ערנסט און האַלב אין שפּאַס.

— נו, דערציילט, חבר ברונאָן, איר ווייסט דאָך אַז פרויען זענען זייער נײַגעריקע, — האָט זי געענטפערט מיט אַ שמייכל, — וואָס שײַך מײַן געדולד בעת אַן „אַרבעט", האָב איך עס שוין אויסגעפּרוּווט. עס האַלט אויס! אַפילו וואָכן גאַנצע. אָבער איצט בין איך זייער נײַגעריק.

— אַלזאָ, — האָט ברונאָן אַ זאָג געטון און זי באַטראַכט כדי צו זען וואָס פאַר אַן אײַנדרוק זײַנע רייד וועלן אויף איר מאַכן, — איר וועט האָבן צו טון מיט סקאַלאָנען!

— מיט סקאַלאָנען? וואָס? — האָט זי געצאַפּלט, — אָפּרוימען אים?

— יאָ.

— אָ! ווי גליקלעך איך בין! — האָט זי אויסגערופן מיט אויסערגעוויינלעכער פרייד.

— פאַר וואָס זענט איר אַזוי גליקלעך? — האָט ער זיך געוווּנדערט.



זי האָט אים דערציילט וועגן אירע פּלענער צו דערהרגענען סקאַלאָנען, וועגן איר כסדרדיקן טראַכטן ווי אַזוי אָפּצורוימען דעם תּלין פון בעלוועדער.

— ניין, חברטע האַרנאַ, — האָט ברונאָן געענטפערט — דער ענין איז נישט אַזוי אײנפאַך ווי איר שטעלט זיך פאָר. איר האָט צו דערפילן אַ שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע, וווּ ס'איז נייטיק אַ סך געדולד, פאָרזיכטיקייט און אָריענטאַציע. און אויך קרבנות, איר הערט? איך זאָג אײַך אָפן, האַרנאַ, אײַער לעבן ווערט געשטעלט אין קאָן. לויט מײַן מיינונג, גייט איר אויף אַ זיכערן טויט. צי זענט איר גרייט אויף דער דאָזיקער „אַרבעט"? ענטפערט דרייסט!

ער האָט זיך שאַרף אַרײַנגעקוקט אין איר געזיכט, געוואָלט זען צי גיט עס נישט קיין ציטער, צי ווערט עס נישט בלאַס. אָבער האַרנאַ האָט געשמייכלט. איר פּנים איז געווען פול מיט באַגײַסטערונג, און אָנכאַפּנדיק ברונאָנס האַנט, האָט זי אויסגערופן:

— איך שרעק מיך נישט פאַרן טויט, איך בין גרייט צו שטאַרבן! אויב סקאַלאָנס טויט זאָל דאַרפן קאָסטן מײַן לעבן — בין איך גרייט דערצו ווי צום טאַנץ, חבר ברונאָן!

— געדענקט זשע, האַרנאַ, מיטן מאָמענט ווען איר נעמט איבער די „אַרבעט", דאַרפט איר גרייט זײַן אויף די גרעסטע קרבנות! אַלזאָ הערט זשע: מאָרגן וועט איר אין באַגלײַטונג פון אַן עלטערער פרוי גיין דינגען אַ דירה אויף קאָשיקאָווע נומער 13. דאָס דאָזיקע הויז, וואָס האָט אַ דורכגאַנגהויף, געפינט זיך אויף עק קאָשיקאָווע און נאַטאָלינסקע. דאָרטן געפינט זיך צו פאַרדינגען אַ דירה, וואָס אַ טייל פון אירע פענצטער גייען אַרויס אויף נאַטאָלינסקע. דאָ האָט איר אַ פּאַס אויפן נאָמען פון אירענאַ קאָזלאָווסקאַ, אַלס אַזעלכע זאָלט איר זיך אײנמעלדן. בײַם דינגען די דירה זאָלט איר דערקלערן דעם אַדמיניסטראַטאָר פון הויז אַז אין גיכן דאַרף קומען צו אײַך אַ רײַכע מומע פון דער פּראָווינץ, אַז מ'וועט נאָך ברענגען אַ פּאָרטעפּיאַן און נאָך אַנדערע מעבל. די ראָל דאַרפט זײַן גוט געשפּילט, כדי קיינער זאָל אײַך אין גאָרנישט חושד זײַן. איז די זאַך פאַר אײַך קלאָר?

— איך פאַרשטיי, — האָט האַרנאַ געענטפערט, אויסהערנדיק אויפמערקזאַם ברונאָנס רייד, — און ווײַטער? דאָס איז אַלץ? און ווי אַזוי וועט ווערן געמאַכט דער אַטענטאַט?

— דאָס איז ערשט דער אָנהייב, — האָט ברונאָן געענטפערט מיט אַ שמייכל, — אויף נאַטאָלינסקע נומער 9 וווינט דער דײַטשער וויצעקאָנסול. מיר האָבן אײַנגעאָרדנט פאַר סקאַלאָנען אַזאַ שפּיצל, אַז ער וועט מוזן קומען צום וויצעקאָנסול אין דער וווינונג. אַ טייל פון די פענצטער פון דער דירה, וועלכע איך האָב אײַך אָנגעמערקט צו דינגען, גייען אַרויס אויף דער נאַטאָלינסקע און פון דאָרטן זעט מען זייער גוט דאָס הויז נומער 9. אײַער אויפגאַבע, האַרנאַ, וועט באַשטיין אין דעם: אַראָפּצוּוואַרפן אַ באָמבע אויפן גענעראַל־גובערנאַטאָר אין מאָמענט ווען ער וועט פאָרן אויף דער נאַטאָלינסקע. דוכט זיך, האַרנאַ, אַז פאַר אײַך דאַרף שוין אַלץ זײַן קלאָר.

— אָ ברונאָן, דאָס איז אַ גלענצדיקער אײַנפאַל! — האָט זי אויסגערופן, — אָבער זאָגט מיר, ווי אַזוי ווייסט איר אַז סקאַלאָן וועט קומען צום וויצעקאָנסול מיט אַ באַזוך?

ברונאָן האָט איר דערקלערט אַז צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים קאָן ער עס איר דערווײַל נישט זאָגן. אין עטלעכע טעג אַרום וועט זי זיך וועגן דעם דערוויסן. גלײַכצײַטיק האָט איר ברונאָן איבערגעגעבן אַז כדי דאָס דינגען די דירה זאָל נישט אַרויסרופן קיין שום חשד, וועט האַרנאַ האָבן אין איר רשות אַ „קעכין" און אַ „דינסטמיידל", ווי עס פּאַסט פאַר אַ רײַכער מאַדאַם.

— די „קעכין" און דאָס „דינסטמיידל" וועלן זײַן די חברטעס לאָלעטשקאַ און יאַשיאַ, — האָט ברונאָן צוגעגעבן מיט אַ שמייכל.

האָרנאַ איז געווען אויפן זיבעטן הימל. זי האָט געוויזן ברונאָנען, ווי אַזוי זי וועט שפּילן די ראָל פון אַ יונגער מאַדאַם. ער האָט האַרציק געלאַכט און איר אויסגעדריקט אָנערקענונג.

— אויב סקאַלאָן וועט טאַקע אָפּשטאַטן אַ באַזוך דעם דײַטשן וויצעקאָנסול, איז אונדזער זאַך אין דער בעסטער אָרדענונג, — האָט

האָרנאַ דערקלערט, — דער גענעראַל־גובערנאַטאָר וועט שוין צוריק קיין לעבעדיקער נישט אהיימקומען!

## „מאַדאַם" קאָזלאָווסקאַ.

נאָך עטלעכע טעג פריער האָט ברונאָן באַטראַכט דאָס אָרט ווו מ'האָט זיך געגרייט אויסצופירן דעם אַטענטאַט. דער דורכגאַנגס־הויף אויף קאָשיקאָווע 13 איז פון דער זײַט פון נאַטאָליִנסקע געווען געשלאָסן. אין יענער צײַט האָט די פּאָליציי באַפוילן צו שליסן אַלע דורכגאַנגהייף און דאָס איז גראָד איצט געווען אויף דער האַנט פון די טעראָריסטן. אַרויסוואַרפנדיק די באָמבעס פון די פענצטער וואָס גייען אַרויס אויף נאַטאָליִנסקע, האָבן די טעראָריסטן שנעל געקאָנט אַנטלויפן דורך דער זײַט פון קאָשיקאָווע, נישט ווערנדיק באַמערקט פון סקאַלאָנס היטערס, גלײַכצײַטיק האָט דאָס אָרט געהאַט נאָך אַ מעלה. די נאַטאָליִנסקע־גאַס איז געווען אָפּגעשלאָסן פאַרן דורכפאָר, ווײַל אויף דער נאָוואָוויעיסקע־גאַס האָט מען דורכגעפירט קאַנאַליזאַציע־אַרבעט, אַזוי אַרום איז די נאַטאָליִנסקע פון איין זײַט געווען אין גאַנצן פאַרמאַכט און זעלטן ווען אַ פור, אָדער דראָזשקע פלעגן אַרײַנפאָרן אין דער דאָזיקער גאַס.

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעם געשפּרעך וואָס ברונאָן האָט געהאַט מיט האָרנאַן, האָט זיך צום אַדמיניסטראַטאָר פון הויז אויף קאָשיקאָווע נומ' 13 געמאָלדן אַ יונגע פרײַלין אין דער באַגלייטונג פון אַן עלטערער פרוי.

— צי איז די דירה אויפן ערשטן שטאָק אין פראָנט צום פאַרדינגען? — האָט דאָס יונגע מיידל געפרעגט.

— יאָ, מײַנע דאַמען, — האָט דער אַדמיניסטראַטאָר זיי פײַן אויפגענומען און אָנגעהויבן אויסצורעכענען די מעלות פון דער דאָזיקער דירה: פינף צימערן מיט אַ קיך, וואַנע, גאַז־באַלײַכטונג, אַ באַלקאָן, אַ ספּעציעל צימערל פאַר דער דינסט.

— איך דינג די דירה פאַר מײַן מומע, די פרוי זאָפיאַ זאַמאָיסקאַ, מיט וועלכער איך וועל צוזאַמען וווינען — האָט דאָס מיידל דערקלערט.

— איז אײַער מומע נישט אַ מאָל די קרובה פון גראַף זאַמאָיסקי? — האָט דער אַדמיניסטראַטאָר געפרעגט, זײַענדיק צופרידן וואָס אין דעם הויז מיט וועלכן ער פאַרוואַלטעט וועט וווינען אַ קרוב פון באַקאַנטן גראַף.

— יאָ, זי איז אַ קרובה, אָבער אַ ווײַטע... — האָט דאָס מיידל געענטפערט.

מ'איז מושווה געוואָרן מיטן פרײַז. דאָס עלעגאַנטע פרײַלין האָט זיך נישט שטאַרק געדונגען, הגם זי האָט מכלומרשט באַמערקט אַז דער פרײַז איז אַ ביסל צו טײַער, נאָר, פאַרפאַלן, די דירה געפעלט איר און זי מוז זי דינגען.

אין גיכן וועט מען ברענגען צו מיר אַ פּאָרטעפּיאַן און פאַרשידענע אַנדערע מעבל, — האָט דאָס מיידל דערקלערט דעם אַדמיניסטראַטאָר, — אָבער דאָס וועט געשען ערשט ווען מײַן מומע וועט קומען פון דער פּראָווינץ.

באַלד צו מאָרגנס איז געקומען אַ פור און מ'האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער נײַער דירה מעבל, פאַרשידענע בילדער, שיינע דיוואַנען אד"גל.

— אַ רײַכע מאַדאַם ציט זיך צו אונדז אַרײַן, — האָט געזאָגט דער אַדמיניסטראַטאָר צום סטרוזש, — אַ קרובה פון דעם גראַף זאַמאָיסקי.

— אַזוי?! האָט דער סטרוזש געעפנט אַ פּאָר אויגן און זיך געריבן די הענט פאַר צופרידנקייט, — וועט מען דאָך פאַרדינען געלט.

בײַם איינמעלדן האָט דער זשאַנדאַרם געפרעגט:

— ווו האָט איר ביז איצט געוווינט — פרײַלין קאָזלאָווסקאַ?

— אין דעם גוט פון מײַן מומע זאַמאָיסקאַ, בײַ ווילנע, — האָט האָרנאַ געענטפערט און אָנגענומען אַ מינע פון אַן אַריסטאָקראַטין.

— און ווען וועט נאָך האָט איר אײַנצומעלדן? — האָט דער זשאַנדאַרם געפרעגט מיט רעספּעקט און געוואַלדיקן דרך־ארץ.

— דערווײַל האָב איך אַ קעכין, יאָאַשיאַ ראַוויצקאַ. איך זוך אַ שטובמיידל, אפשר, מײַן הער, קאָנט איר מיר רעקאָמענדירן אַן אָרנטלעך דינסטמיידל? איך בין דאָ אַ פרעמדע, איך קען דאָ נישט קיינעם.

— בײַ אונדז אין וואַרשע זענען פאַראַן ספּעציעלע קאַנטאָרן וועלכע שטעלן צו דינסטמיידלעך, — האָט דער זשאַנדאַרם געענטפערט און געווען צופרידן וואָס ער קאָן דינען מיט אַן עצה דער רײַכער לאָקאַטאָרקע. אַ קלייניקייט עפּעס — קרובים פון גראַף זאַמאָיסקי!...

צו מאָרגנס איז געקומען די „דינסט". זי האָט זיך בכיוון נאָכגעפרעגט בײַם סטרוזש ווו עס וווינט די פאַמיליע קאָזלאָווסקאַ.

— מ'האָט מיך געשיקט אַהער פון קאַנטאָר, — האָט דערקלערט דאָס מכלומרשטע דינסטמיידל.

אַזוי האָט זיך האָרנאַ אײַנגעאָרדנט מיט אירע צוויי מיטהעלפערינס, פון וועלכע איינע האָט געשפּילט די ראָל פון אַ קעכין און די צווייטע פון אַ דינסטמיידל.

אין דער גרויסער וווינונג איז אַלץ צוגעגאַנגען ווי עס פּאַסט פאַר אַ רײַך הויז. די „דינסט" האָט אַלע טאָג אַראָפּגעטראָגן אויפן הויף די דיוואַנען און זיי אויסגעקלאַפּט, דערבײַ האָט זי געכאַפּט אַ שמועס מיט אַנדערע דינסטמיידלעך און זיי דערציילט אַז איר „מאַדאַם" איז זייער אַ רײַכע, אַז צו איר שדכנט זיך אַ וואַרשעווער הער וועלכער קומט צו איר יעדן אָוונט. ברונאָן האָט בכיוון געהייסן פאַרשפּרייטן אַזעלכע קלאַנגען צווישן די לאָקאַטאָרן פון הויף, כדי זײַן אָפּט קומען צו האָרנאַן זאָל נישט אויסקומען פאַרדעכטיק. און קומען האָט ער געמוזט זייער אָפּט, כדי אַכטונג צו געבן אויף אַלעם, כדי צו געבן אָנווײַזונגען. ער האָט אויך געבורענגט די באָמבעס וועלכע זענען געווען אײַנגעפּאַקט אין גרויסע פּודלעס פון היט.

— וואָס טוט אײַער מאַדאַם, פאַר וואָס גייט זי אַזוי זעלטן אַרויס פון שטוב? — האָבן געפרעגט די דינסטמיידלעך, — ס'איז זייער שלעכט אַז די מאַדאַם זיצט שטענדיק אין שטוב.

— זי מאָלט בילדער, — האָט לאַלעטשקאַ געענטפערט, — גאַנצע טעג זיצט זי און מאָלט.

יאָאַשיאַ און לאַלעטשקאַ האָבן אויך געפּלירטעוועט מיט די אײַנוווינערס פון די אַנטקעגנאיבערדיקע פראָנט־וווינונגען פון דער נאַטאָליִנסקע־גאַס. היות ווי אויף דער דאָזיקער גאַס האָבן הויפּטזעכלעך געוווינט רוסישע באַאַמטע און זיי וואָלטן, אפשר, געקוקט מיט חשד אויף די נײַע לאָקאַטאָרן, האָט ברונאָן באַפוילן דעם „דינסטמיידל" און דער „קעכין" אָנצוהייבן אַן אויגנפלירט דורך די פענצטער.

די „מאַדאַם" האָט עטלעכע מאָל מכלומרשט אָנגעשריגן אויף אירע „דינערינס" און זיי אוועקגעטריבן פון פענצטער, אָבער יאָאַשיאַ און לאַלענטשקאַ האָבן ווײַטער בגנבה געוואָרפן בליקן אין די אַנטקעגנאיבערדיקע פענצטער, און די קאַוואַלירן האָבן פון דאָרטן געענטפערט מיט קושקושן.

די באָמבעס וועלכע ברונאָן האָט געבורענגט זענען באַהאַלטן געוואָרן אין דעם לאָך וואָס פירט צום קוימען. דאָס אָרט איז פאַרשטעלט געוואָרן מיט אַן עלעגאַנט טישל, אויף וועלכן ס'זענען געווען אָנגעשטעלט קליינע סטאַטועטקעס, שפּיגלען, אַלבומען און אַנדערע קלייניקייטן. באָמבעס האָט ברונאָן געבורענגט פיר, צוויי גרויסע, צען פונטיקע, אין דער פאָרעם פון הויכע פּודלעך, און צוויי קליינע.

אַלץ איז געווען צוגעגרייט. מ'האָט נאָר געוואַרט אַז סקאַלאָן זאָל אָנקומען אויף דער נאַטאָליִנסקע־גאַס, אָבער איידער דער דײַטשער וויצעקאָנסול האָט נישט באַקומען געפּאַטשט, האָט דער

דאָזיקער פאַל נישט געקאָנט געשען . . . ווען אַלץ איז שוין אין דער דירה אויף קאָשיקאָווע 13 געווען צוגעגרייט, ווען די לאָקאַטאָרן, די דריי מיידלעך טעראָריסטינס, האָבן זיך שוין גוט געהאַט איינגעשפּילט אין זייער ראָל, האָט ברונאָן באַפוילן אָנצוהייבן דעם ערשטן אַקט פון צוגעגרייטן פּלאַן. דער אַרבעטער פון טעמלער און שוועדעס גאַרבערײַ האָט באַקומען דעם באַפעל צו באַווײַזן זיך אין גאַס אין מונדיר פון אַ צאַרישן אָפיציר. ברונאָן האָט פריער נישט געוואָלט אָנהייבן די אַקציע מיטן וויצעקאָנסול ביז וואַנען דער ענין מיט דער דירה וועט נישט זײַן פולשטענדיק דערלידיקט. איצט איז אַלץ געווען געגוי אויסגערעכנט און צוגעגרייט. ברונאָן האָט נישט פאַרלוירן פון בליק די מינדסטע קלייניקייט אין דער דאָזיקער „אַר־בעט". איין נישט פאָרזיכטיקייט, איין נישט באַרעכנטער שריט — און דער גאַנצער פּלאַן וואָלט געוואָרן צעשטערט.

## די פּעטש אויפן גרינעם פּלאַץ

געשען איז עס מאָנטיק, דעם 13טן אויגוסט. דער וויצעקאָנסול, באַראָן לערכענפעלד, האָט פּינקטלעך דרײַ אַ זייגער בײַ טאָג געענדיקט זײַנע אַמט־שעהען און האָט זיך געלאָזט גיין אין יעגערקלוב אויף מיטאָג. עטלעכע טעג איז דער וויצעקאָנסול אָבסערווירט געוואָרן פון צוויי מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן געהאַט די אויפגאַבע גענוי פעסטצושטעלן, אין וועלכער צײַט דער וויצעקאָנסול פאַרלאָזט זײַן ביוראָ, דורך וועלכע גאַסן ער גייט אַדורך אויפן וועג אין יעגערקלוב און בכלל האָט מען נאָכגעקוקט, ווי אַזוי דער באַראָן פאַרהאַלט זיך אויף דער גאַס. דאָס אַלץ איז זייער נייטיק געווען צו וויסן.

ס'איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן אַז דער וויצעקאָנסול גייט יעדן טאָג אַדורך דעם גרינעם פּלאַץ (הײַנט: פּלאַץ דאָמבראָווסקיעגאָ). צוליב דעם וואָס פון דעם דאָזיקן פּלאַץ קאָן מען לײַכט אָנקומען אויף פאַרשידענע זײַטיקע גאַסן, איז דאָס דאָזיקע אָרט אויסגעקליבן געוואָרן פאַר דעם אַקט פון באַליידיקן דעם וויצעקאָנסול.

דרײַ אַ זייגער בײַ טאָג איז אויף אַ באַנק פון דעם דאָזיקן פּלאַץ געזעסן אַ רוסישער אָפיציר אין אַן עלעגאַנטן העל בלויען מונדיר, מיט בלאַנקנדיקע קנעפּ, אויף וועלכע ס'האָט זיך געפינען דער צאַרישער, צווייקעפּעדיקער אָדלער. ער האָט געהאַלטן פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און די שפּאָרן אויף זײַנע געפּאַסטע שטיוול האָבן אַ קלינג געטון בײַ יעדער באַוועגונג פון די פיס. לעבן אים איז געזעסן אַ דאַמע, עלעגאַנט געקליידט, און געפירט מיטן גאַלאַנטן אָפיציר אַ לעבעדיקן שמועס.. די פאַרבײַגייערס האָבן נייגעריק זיך צוגעקוקט צו דעם אָפיציר, וואָס האָט מיט פאַרליבטע אויגן געקוקט אויף דער יונגער דאַמע וועלכע האָט פון איר זײַט קאָקעטיש צו אים געשמייכלט. אפילו דאָס גענייטע אויג פון אַ שפּיאָן וואָלט נישט אײַנגעפאַלן אין עפּעס חושד צו זײַן דאָס דאָזיקע פּאָרל. דער אָפיציר האָט מיט אַזאַ באַגײַסטערונג גערעדט צו דער דאַמע, אין זײַנע אויגן איז געלעגן אַזוי פיל לײַדנשאַפט, זײַנע באַוועגונגען האָבן אויסגעדריקט אַזאַ ריטערלעכע גאַלאַנטקייט, אַז קיינעם וואָלט נישט אײַנגעפאַלן אַ טראַכט צו טון אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ גלענצנדיקע שפּיל פון אַ פּשוטן אַרבעטער פון טעמלער און שוועדעס גאַרבערײַ־פאַבריק. ס'וואָלט זיך אויך קיינער נישט פאָרגעשטעלט אַז די עלעגאַנטע דאַמע, וועלכע שמייכלט אַזוי פאַרפירעריש צום צאַרישן אָפיציר, איז אַן אָנגעשטעלטע אין אַ שיכגעשעפט און האָט זיך אויף דעם טאָג ספּעציעל באַפרײַט פון דער אַרבעט, זאָגנדיק אַז זי איז קראַנק.

ביידע האָבן אַזוי אַרטיסטיש געשפּילט די ראָל, אַז אַפילו דער דראָזשקאַזש, אַ מיטגליד פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וועלכער איז ספּעציעל אָוועקגעשטעלט געוואָרן מיט דער דראָזשקע נישט ווײַט פון אָרט ווו דער אָפיציר איז געזעסן מיט דער דאַמע, אויך ער האָט קוים געקאָנט דערקענען זײַנע חברים. ס'האָבן זיך אויך געפונען אויפן פּלאַץ עטלעכע פּאַרטיי־חברים, כדי צו זײַן עדות פון דעם געשעעניש און גענוי אינפאָרמירן ברונאָנען וועגן דער ווײַטערדיקער האַלטונג פון דעם געפּאַטשטן וויצעקאָנסול. אויך די דאָזיקע אַרבעטער האָבן נישט דערקענט זייערע פּאַרטיי־חברים און האָבן זיך פּשוט נישט געקאָנט צוגלויבן אַז דער אָפיציר און די דאַמע זענען . . . פּשוטע פּראָלעטאַריער.

פון דער ווײַטנס האָט זיך באַוויזן דאָס מאַסיווע געשטאַלט פון באַראָן לערכענפעלד. דער וויצעקאָנסול איז געגאַנגען מיט מאַיעסטעטישע טריט איבערן ברייטן טראָטואַר און האָט געהאַלטן פאַררייסן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט נישט געוואָלט מזכה זײַן מיט זײַן בליק די פאַרבײַגייערס. און האָט ער שוין געוואָרפן אויף אימעצן אַ בליק, איז דער דאָזיקער בליק געווען פול מיט פאַראַכטונג צו דעם גאַנצן אַרום, צו די פאַרבײַגייענדיקע מענטשן, צו די הײַזער, צו אַלץ.

ווי נאָר דער „אָפיציר" האָט דערזען פון דער ווײַטנס דעם וויצעקאָנסול, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און זיך האַרציק געזעגנט מיט דער דאַמע. ער האָט איר געגעבן אַ קוש אין דער האַנט, זי האָט נאָך אַ מאָל קאָקעטיש אַ שמייכל געטון און באַלד אַוועק אין דער ריכטונג פון דער מאַזאָוויעצקע. דער „אָפיציר" האָט גענומען אַנטקעגנגיין דעם וויצעקאָנסול. ווען ער איז שוין צוגעקומען זייער נאָענט, האָט ער זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט זיך אײַנגעקוקט אין באַראָנס געזיכט. דער וויצעקאָנסול האָט דאָס מאָל אַראָפּגעלאָזט אויף אַ ווײַל דעם פאַררייסענעם קאָפּ, ווײַל ס'האָט אים געוווּנדערט וואָס אַן אָפיציר באַטראַכט אים אַזוי אויפמערקזאַם. ס'איז אים אײַנגעפאַלן אַ פרעג צו טון דעם דאָזיקן אָפיציר וואָס ער קוקט זיך אין אים אַזוי אײַן. אָבער איידער ער האָט געהאַט אַ ישוב־הדעת צי ער זאָל יאָ פרעגן אָדער נישט פרעגן, איז דער אָפיציר צו אים צוגעשפּרונגען און אים אַראָפּגעלאָזט צוויי פײַערדיקע פּעטש, איינעם נאָכן אַנדערן, זאָגנדיק דערבײַ: — וואָט טעביע, סוואָלאָטש, זאַ אינטערווענציו! *)

דער וויצעקאָנסול האָט אויפגעהויבן די האַנט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט ווערן, אָבער די צוויי פעסטע פּעטש האָבן אים אַזוי צערודערט, אַז ער איז געבליבן שטיין ווי אַ צוגעשמידטער צום אָרט, צוהאַלטנדיק זיך אינסטינקטיוו מיט דער האַנט בײַ דער באַק.

ס'האָט זיך באַלד געשאַפן אַ רעדל פון מענטשן. דער „אָפיציר" איז נאָכן געשעענעם פאַקט נישט אַנטלאָפן. ער איז מיט רויִקע טריט און מיט אַ שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ דורכגעגאַנגען דורכן געזעמל מענטשן. קיינער וואָלט נישט געוואַגט צו פאַרהאַלטן אַ צאַרישן אָפיציר. אַן אָנווועזנדיקער פּאָליציאַנט האָט נאָר בלויז פאַרצייכנט דעם נומער פון פּאָלק, וועלכער האָט זיך געפונען אויף דעם אָפיצירס עפּאָלעטן. דער אָפיציר האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין דראָזשקע, וועלכע איז געשטאַנען דערנעבן, און אַ געשרײַ געטון צום דראָזשקאַזש:

— וואָלאַי, סוקין סין! (פאָר, הינטישער זון)

דער דראָזשקאַזש האָט מכלומרשט אַ ציטער געטון, געמאַכט אַ מינע ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו פאָרן, אָבער דער אָפיציר האָט זיך אויפגעשטעלט, אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און באַפוילן דעם דראָזשקאַזש: וואָלאַי! דעמאָלט האָט דער דראָשקאַזש אַ ציִ געטון בײַ די לייטשן, און די דראָזשקע האָט גענומען פאָרן. ווען די דראָזשקע האָט גערירט פון אָרט, האָט דער „אָפיציר" נאָך געדראָט דעם געפּאַטשטן וויצעקאָנסול מיט דער פויסט, באַגלייטנדיק די דראָונג מיט אַן עכט רוסישער קללה. אין עטלעכע מינוט אַרום איז די דראָזשקע פאַרשוווּנדן אין אַ זײַטיק געסל פון גרויסן פּלאַץ.

דער באַראָן איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ צעטומלטער און געמורמלט:

— איך וועל דאָס נישט שווײַגן, דער צאַר אַליין וועט מיך מוזן איבערבעטן . . . אַזאַ חוצפּה . . . אַזאַ סקאַנדאַל . . .

דאָס געזעמל פון מענטשן איז געוואָרן גרעסער פון מינוט צו מינוט. דער אָנוועזנדיקער פּאָליציאַנט האָט פאַרשריבן די נעמען פון די עדות. אַלע האָבן פעסטגעשטעלט אַז דער אָפיציר איז אָן אַ פאַרוואָס צוגעגאַנגען צום באַראָן און אַראָפּגעלאָזט אים צוויי פּעטש. אַ סך פון די אָנוועזנדיקע האָבן גערעדט מיט כעס וועגן דעם מיאוסן טאַט פון אָפיציר, אַנדערע ווידער האָבן זיך געוויצלט אויפן חשבון פון געפּאַטשטן וויצעקאָנסול.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז דער „אָפיציר" געזעסן בײַ ברונאָנען אין שטוב, שנעל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אָפיצירישע

*) נאַ דיר, לומפּ, פאַר דער אינטערווענץ!

מלבושים און מיט אַ האַרציקן געלעכטער דערציילט ווי גלענצנדיק ער האָט געשפּילט זײַן ראָל.

— איז קיינער נישט נאָכגעפאָרן נאָך אײַער דראָזשקע? — האָט ברונאָן געפרעגט, — האָט איר אויף דעם גוט אַכטונג געגעבן?

— וואָס רעדט איר, חבר ברונאָן? — האָט דער אַרבעטער גע־ענטפערט, — אפילו דער צופעליק אָנוועזנדיקער פּאָליציאַנט האָט פאַר מיר געציטערט. מ'האָט מורא געהאַט אויסצורעדן צו מיר אַ וואָרט און ווען כ'בין אָפּגעפאָרן פון גרינעם פּלאַץ, האָבן אַלע מורא געהאַט אפילו מיר נאָכצוקוקן, ווײַל כ'האָב געהאַלטן דעם אָנגעלאָ־דענעם רעוואָלווער אין דער האַנט. איך האָב כסדר אָבסערווירט צי מען פאָרט מיר נישט נאָך. אָבער קיינעם איז נישט אײַנגעפאַלן מיר נאָכצופאָרן. אַלץ איז אַדורך אין דער בעסטער אָרדענונג.

— נו, אויב אַזוי, קאָן מען רויִק וואַרטן אויפן צווייטן אַקט פון דער „אַקציע",— האָט ברונאָן אַ זאָג געטון מיט אַ שמייכל, — אײַערע פּעטש, ליבער חבר, וועלן ברענגען גוטע רעזולטאַטן.

## דער גענעראַל-גובערנאַטאָר האָט מורא

די פּעטש האָבן געשטעלט אין באַוועגונג די גאַנצע רוסישע און דײַטשע דיפּלאָמאַטיע. ס'זענען געפלויגן דעפּעשעס פון בערלין קיין פּעטערבורג, פון פּעטערבורג קיין וואַרשע, פון פּעטערבורג קיין בער־לין. דער דײַטשער אַמבאַסאַדאָר האָט אָפּגעשטאַט אַ וויזיט דעם רו־סישן אויסערן־מיניסטער און שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דעם פּאַל מיטן באַראָן לערכענפעלד. דער קייזער ווילהעלם, דערוויסנדיק זיך וועגן די דאָזיקע פּעטש וואָס זײַנען אַ באַאַמטער האָט באַקומען פון אַ רוסישן אָפיציר, האָט געפאָדערט אַ סאַטיספאַקציע. ספּעציעלע קוריערן מיט באַריכטן זענען געפלויגן פון וואַרשע קיין פּעטערבורג און צוריק. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן איז געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט, ווײַל דער פּאַקט איז פאָרגעקומען אין דעם לאַנד איבער וועלכן ער האָט געהערשט, און ער האָט, אַזוי צו זאָגן, געטראָגן אַ מאָראַלישע מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם וואָס ס'איז פאָרגעקומען. ער האָט פאַראָרדנט אַ שטרענגע אויספאָרשונג, געהייסן אויפזוכן דעם שולדיקן אָפיציר, אָבער ס'איז זייער שווער געווען אויסצוזוכן דעם שולדיקן, ווײַל דער נאָמען פון אָפיציר איז געווען אומבאַקאַנט און אַלע אָפיצירן פון פּאָלק אין קאַליש האָבן דערקלערט אַז זיי ווייסן נישט פון וואָס צו זאָגן. די אויספאָרשונג האָט זיך ווײַטער געפירט, אָבער דערווײַל האָט סקאַלאָן באַקומען אַ טעלעגראַפישן באַפעל פון אינערן־מיניסטער פון פּעטערבורג אַז ער זאָל אָפּשטאַטן אַן אָפיציעלן וויזיט דעם באַראָן לערכענפעלד, אין זײַן פּריוואַטער וווינונג, און אים איבערבעטן צוליב דעם געשעע־נעם פּאַקט.

— צו אַלדע שוואַרץ יאָר! — האָט סקאַלאָן אַ שלײַדער געטון די דעפּעשע, זיצנדיק אַליין אין זײַן קאַבינעט, — פאָר אַרויס אויף דער גאַס אין אַזעלכע אומרויִקע צײַטן ווען די רעוואָלוציאָנערן שיסן אויף „נאַטשאַלסטוואָ"! נאָר פאַרפאַלן, נישטאָ קיין ברירה, אַז מען באַפעלט פון פּעטערבורג, מוז מען אויספירן.

מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן אַז אין צוויי טעג נאָך די פּעטש אויפן גרינעם פּלאַץ איז אויסגעפאַלן דער באַקאַנטער בלוטיקער מיטוואָך*), ווען צענדליקער פּאָליציי־לײַט און סאָלדאַטן זענען דער־שאָסן געוואָרן אויף די גאַסן פון וואַרשע. סקאַלאָן האָט דעריבער געהאַט אַ גרונד מורא צו האָבן זיך צו באַווײַזן אויף די וואַרשעווער גאַסן. ער האָט געוווּסט אַז ער איז פאַרהאַסט ביי דער באַפעלקערונג און אַז מען וויל אים אומברענגען.

סקאַלאָן האָט באַשלאָסן אָפּצושטאַטן דעם וויזיט שבת, דעם 18טן אויגוסט. ער האָט אַרײַנגערופן דעם סעקרעטאַר און געמאָלדן:

— שבת וועל איך באַזוכן דעם באַראָן לערכענפעלד, כדי אויסצודריקן אים באַדויערונג צוליב דעם געשעענעם פּאַל, אַלזאָ... איר פאַרשטייט דאָך שוין וואָס ס'איז דאָ צו טון...

— איך פאַרשטיי, — האָט דער סעקרעטאַר געענטפערט, —

*) זע וועגן דעם אין פּינקעס וואַרשע זז' 267—292.



איך וועל באַלד אָנקלינגען אין ראָטהויז. אַלע גאַסן וואָס פירן צום באַראָנס דירה וועלן באַשטעלט ווערן מיט געהיים־אַגענטן. איך וועל זיך באַלד וועגן דעם פאַרשטענדיקן.

— נישט בלויז דאָס, — האָט סקאַלאָן דערקלערט און זײַן פּנים האָט אָנגענומען אַ דערשראָקענעם אויסזען, — מיט די באַנ־דעם רעוואָלוציאָנערן דאַרף מען זײַן פאָרזיכטיק. מען דאַרף אויך אַכטונג געבן אויף די אײַנוווינערס וואָס זייערע פענצטער גייען אַרויס אויף דער גאַס. עס קאָן זיך אַ מאָל פאַרוואַלגערן ערגעץ אַ רעוואָלוציאָנער און אַראָפּשיסן פון אַ פענצטער.

— אויב אַזוי וועל איך הייסן דער פּאָליציי אַז זי זאָל זיך דער־וויסן גענויע ידיעות וועגן יעדן לאָקאַטאָר וואָס די פענצטער פון זײַן דירה גייען אויף דער גאַס אַרויס. אפשר אַרויסגעבן אַ באַפעל אַז אין דער צײַט פון אײַער דורכפאָרן, עקסעלענץ, זאָלן די פענצטער זײַן געשלאָסן?

— אָ, ניין, דאָס הייסט אַרויסרופן אַ חשד אַז מיר האָבן מורא פאַר אַן אַטענטאַט, איר פאַרשטייט? די פּאָליציי דאַרף בלויז באַקומען ידיעות וועגן יעדן אײַנוווינער פון די הײַזער אויף די גאַסן דורך וועלכע איך וועל דורכפאָרן.

— דאָס וועט תיכף דורך מיר דערליידיקט ווערן, עקסעלענץ, — האָט דער סעקרעטאַר געענטפערט, — איך וועל תיכף קלינגען אין דער אָכראַנע־אָפּטיילונג.

דער סעקרעטאַר האָט שוין געוואָלט אַרויסגיין. סקאַלאָן האָט אים צוריקגערופן:

— ווי מיינט איר, זיי וועלן וואַגן?

— ווער, עקסעלענץ?

— איך מיין די... די רעוואָלוציאָנערן, צי זיי וועלן וואַגן צו שיסן אויף מיר? זיי שיסן דאָך לעצטנס בלויז נידעריקע פּאָליציי־באַאַמטע...

— אײַער עקסעלענץ קאָן זײַן פולשטענדיק רויִק, — האָט דער סעקרעטאַר געענטפערט, זעענדיק דעם אומהיימלעכן אויסדרוק אויפן גענעראַל־גובערנאַטאָרס געזיכט — נאָך הײַנט און מאָרגן וועלן דורכגעפירט ווערן אַ סך אַרעסטן, אונדזערע מענטשן האָבן אַלעמען אויפן אויג.

יאָ, ריכטיק, ביז שבת מוזן דורכגעפירט ווערן וואָס מער אַרעס־טן, — האָט סקאַלאָן זיך דערפילט אַ ביסל הײַטערער, — יעדער פאַרדעכטיקער מענטש אויף דער גאַס דאַרף אָפּגעפירט ווערן אין דער אָכראַנע־אָפּטיילונג. מען דאַרף אויך דורכנישטערן אַ סך וווינונגען פון פאַרדעכטיקע פּאַרשוינען. הערט, לאַדט אײַן צו מיר דעם שעף פון דער אָכראַנע, איך מוז אים פּערזענלעך געבן אָנווײַ־זונגען. קלינגט אים תכף אָן, זאָל ער נאָך הײַנט קומען!

עפּעס האָט זיך סקאַלאָן איצט דערפילט זיכערער. אַרעסטן, אָן אַ שיעור אַרעסטן — אָ, דאָס וועט העלפן, דאָס וועט באַזײַטיקן די געפאַר! ער האָט נאָך געפרוּווט נאָך אַ מאָל אָנפרעגן אין פּעטערבורג צי ס'איז נייטיק אַז ער זאָל פּערזענלעך באַזוכן דעם באַליידיקטן וויצעקאָנסול. פון דאָרטן האָט מען אים געענטפערט אַז אין די דײַטשע דיפּלאָמאַטישע קרײַזן איז מען שטאַרק אויפגעבראַכט צו־ליב דער געשיכטע מיט די פּעטש, און דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון פּוילן מוז פּערזענלעך איבערבעטן דעם באַראָן לערכענפעלד.

דער אָכראַנע־שעף האָט באַזוכט סקאַלאָנען. דער פּחדנותדיקער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט געפאָדערט אַז די שמירה זאָל זײַן אַן אויסערגעוויינלעכע.

— דער עיקר וואָס מער אַרעסטן! — האָט ער באַפוילן.

די אָכראַנע האָט גענומען אַרבעטן מעשים. אַגענטן זענען אַרומגעגאַנגען איבער די הײַפן וועלכע האָבן זיך געפונען אויף קאָ־שיקאָווע און נאַטאָלינסקע, און זיך אויסגעפרעגט וועגן די לאָקאַ־טאָרן. געפרעגט האָט מען בײַ די סטרוזשעס און בײַ די זשאַנדרצעס.

פרײַטיק, דעם 17טן אויגוסט, האָט זיך אויך געמאָלדן אַן

אגענט צום סטרוזש אויף קאַשיקאָווע 13 און זיך גענומען אויספרעגן וועגן די לאָקאַטאָרן וואָס פאַרנעמען פּראָנט־דירות. — אָרנטלעכע און רײַכע לײַט, — האָט געענטפערט דער סטרוזש. — אָט האָט זיך מיט צוויי וואָכן צוריק אַרײַנגעצויגן אויפן ערשטן שטאָק אַ קרובה פון גראַף זאַמאָיסקי. אַן אמתע גרעפין. זי גייט זעלטן אַרויס פון שטוב און מאָלט בילדער.

דער ראַפּאָרט וועלכער איז צוגעשטעלט געוואָרן דעם שעף פון דער אָכראַנע שבת אין דער פרי, האָט געלויטעט אַז אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג, אַז אַלע אײַנוווינערס פון די פּראָנט־דירות זענען „כשרע און אָרנטלעכע מענטשן" און מ'קאָן גאַנץ דרייסט דורכפאָרן די גאַסן. אין ראַפּאָרט איז אויך געווען איבערגעגעבן אַז אין צוזאַמענהאַנג מיטן גענעראַל־גובערנאַטאָרס וויזיט בײַם וויצעקאָנסול זענען געמאַכט געוואָרן צאָלרײַכע אַרעסטן און הונדערטער רעוואָלוציאָנערן זיצן אין תפיסה.

דער שעף פון דער אָכראַנע האָט תיכף וועגן דעם צו וויסן געגעבן דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר. סקאַלאָן האָט זיך דערפילט זיכערער און ער האָט געגעבן אַ באַפעל צו שפּאַנען די קאַרעטע. די מורא וועלכע האָט אים לכתחילה באַהערשט איז איצט פאַרשוווּנדן געוואָרן. ער האָט זיך געפילט מונטער און האָט צופרידן געשמייכלט.

## מ'גרייט זיך . . .

ברונאָן איז כמעט אַלע טאָג געקומען אין דער דירה אויף קאָשיקאָווע 13, כדי צו געבן אָנווײַזונגען און גלײַכצײַטיק געוווירן צו ווערן צי מען שפּיאָנירט נישט די וווינונג, צי אַלץ געפינט זיך אין אָרדענונג. ער פלעגט קומען אין אָוונט. כדי ס'זאָל נישט פאַלן קיין חשד, פלעגט ער טראָגן אַן עלעגאַנטן אָנצוג, אַ מאָנאָקל אין אויג און תמיד זײַן באַלאָדן מיט באָמבאָניערקעס, פּודעלעך מיט טשאַסטעס, כלערליי דעליקאַטעסן אד"גל. ער האָט דאָך געדאַרפט שפּילן די ראָל פון אַ רײַכן הער וועלכער שדכנט זיך צו דער „פרײַלין קאָזלאָווסקאַ".

עפענען די טיר פלעגט לאַלעטשקאַ. ברונאָן פלעגט זיך מיט איר ווײַצלען. אַרײַנקומענדיק האָט ער תמיד געזאָגט מיט אַ געלעכטער:

— נו, פאַננאַ לאַלעטשקאַ, ווי פילט זיך די „מאַדאַם"?

— אויסגעצייכנט, מײַן גנעדיקער הער! — פלעגט לאַלעטשקאַ מאַכן אַן אונטערטעניקע באַוועגונג און ביידע פלעגן זיך שטאַרק צעלאַכן.

— וואָס הערט זיך, חבר ברונאָן? — האָט האָרנאַ געפרעגט, — מיר וואַרטן שוין אומגעדולדיק אַז דער העכט זאָל אַרײַנפאַלן אין דער נעץ אַרײַן . . . דערווײַל הערט מען נישט און מען זעט נישט . . .

— איצט וועט ער שוין מוזן אַרײַנפאַלן, — האָט ברונאָן דערקלערט און דערציילט די געשיכטע מיטן געפּאַטשטן וויצעקאָנסול. — דאָס איז געווען הײַנט בײַ טאָג. אַזוי, אַז פון איצט אָן, פון מאָרגן אָן, הייסט עס, קאָן מען זיך יעדע מינוט ריכטן אויף סקאַלאָנס פאַרבײַפאָרן.

— אַהאַ, איצט איז פאַר מיר אַלץ קלאָר! — האָט האָרנאַ געזאָגט און געשמייכלט אַ צופרידענע, — סקאַלאָן וועט שוין איצט מוזן קומען אַהער אויף דער נאַטאָלינסקע.

— מיר וועלן אים שוין האָבן אויפן אויג, חבר ברונאָן, — האָט יאַאַשיאַ דערקלערט, — דאָ פאָרט מען זעלטן, ווײַל דער דורכפאָר צו דער נאָוואָוויעיסקע איז געשלאָסן. ווי נאָר עס טופּן פערדישע קאָפּיטעס, הערט מען באַלד, ווײַל אויף דער דאָזיקער גאַס איז עס אַ זעלטנקייט.

— איך האָב עס טאַקע פריער אויסגערעכנט, — האָט ברונאָן דערקלערט, — יעדער טופּערײַ פון פערדישע קאָפּיטעס דאַרף תיכף צוציען אײַער אויפמערקזאַמקייט.

— מיר שטייען דאָס סײַ ווי סײַ אָפט בײַ די פענצטער און פלירטעווען מיט די יונגע־לײַט פון אַנטקעגנאיבער, — האָט לאַלעטשקאַ געשמייכלט, — מיר באַמערקן דעריבער שטענדיק וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס.



— די ערשטע באָמבע וואַרף איך? — האָט געפרעגט האָרנאַ און אירע אויגן האָבן געלויכטן פאַר פרייד — וואָס פאַר אַ גליק!

— יאָ, איר, האָרנאַ, — האָט ברונאָן געענטפערט און זיך באַגײַסטערט מיט איר דערהויבענער שטימונג, — איר וועט טאַקע האָבן דאָס גליק צו זײַן די ערשטע וואָס וועט שלײַדערן די באָמבע אויף סקאַלאָנען. צוליב דעם וואָס שוין מאָרגן, אָדער איבער מאָרגן, וועט מען עס דאַרפן אויספירן, מוז איך אײַך נאָך אַ מאָל געבן די גענויע אָנווײַזונגען ווי אַזוי צו האַנדלען. פון אייער שנעלער אָריענטאַציע איז אָפּהענגיק צו ראַטעווען אײַער לעבן. זעצט אײַך און הערט מיך נאָך אַ מאָל אויס. לאָזט פריער אַראָפּ די ראָלעטן.

יאַאַשיאַ האָט אַראָפּגעלאָזט די ראָלעטן. די דרײַ מיידלעך האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום ברונאָנען. אין די פינף גרויסע און כמעט ליידיקע צימערן האָט איצט געהערשט אַ מאָדנע שטילקייט. יעדער מינדסטער שאָרך האָט געצוווּנגען די מיידלעך אויפצוציטערן. ברונאָן האָט גערעדט מיט אַ שטילער שטים:

— ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט, דאַרף מען וואַרפן די באָמבע לויט אַ פּלאַן. אין קעגנפאַל קאָנען זיי נישט דערגרײַכן דעם ציל. די ערשטע באָמבע דאַרף אַראָפּוואַרפן האָרנאַ גלײַך אונטער די פיס פון די פערד. די צווייטע באָמבע, פון צווייטן פענצטער, דאַרף אַראָפּשלײַדערן יאַאַשיאַ תיכף נאָך דער ערשטער באָמבע. דערנאָך דאַרף האָרנאַ האָבן צוגעגרייט אויפן פענצטערברעטל די צוויי קלענערע באָמבעס און זיי אויך אַראָפּוואַרפן אײנע נאָך די אַנדערע, כדי צו פאַרגרעסערן די צערודערטקייט פון סקאַלאָנס היטערס און שפּיאָנען. וואַרפנדיק איין באָמבע נאָך דער אַנדערער, פיר מאָל, איין מאָל נאָכן אַנדערן, דערלאָזט איר נישט אַז די פּאָליציאַנטן און דער גאַנצער עולם אויף דער גאַס זאָל קומען צו זיך. אַזוי אַרום ווערט פאַרלענגערט דער מאָמענט פון צעטומלטקייט און שרעק און איר קאָנט דערווײַל לײַכטער אַנטלויפן. סקאַלאָנס היטערס וועלן דאָך אַ ווײַל בלײַבן שטיין אומבאַוועגלעך, מורא האָבנדיק פאַר אַ פינפטער באָמבע. זיי וועלן זיך לאָזן לויפן נאָך די באָמבעוואַרפערס, ערשט נאָך דעם ווי זיי וועלן קומען צו זיך פון שרעק און איבעראַשונג. דאָס אַלץ דאַרפט איר גענוי נעמען אין אכט. מיטן מאָמענט ווען סקאַלאָן וועט אָנפאָרן מיט דער קאַרעטע, דאַרף לאַלעטשקאַ באַלד פאַרלאָזן די שטוב. אַנטלויפן צוזאַמען אַלע דרײַ טאָרט איר נישט, דאָס קאָן ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די לאָקאַטאָרן פון הויז. די צווייטע דאַרף אַנטלויפן יאַאַשיאַ תיכף נאָכן וואַרפן די באָמבע, די לעצטע דאַרף פאַרלאָזן די וווינונג האָרנאַ. איר נעמט אויף זיך דעם שווערסטן טייל, — האָט ברונאָן זיך געווענדט צו האָרנאַן.

— איך בין אפילו גרייט צו וואַרפן אַלע פיר באָמבעס, — האָט האָרנאַ געענטפערט.

— אָ, האָרנאַ, דו ווילסט צונעמען פאַר זיך אַלץ! — האָט יאַאַשיאַ געזאָגט מיט אַ לײַכטן פאָרוווּרף אין טאָן.

— און איך וועל תיכף מוזן אַנטלויפן, גאָרנישט טוענדיק? — האָט לאַלעטשקאַ זיך געפּיעשטשעט, — חבר ברונאָן, איך וועל אויך וואַרפן איין באָמבע, יאָ?

— איר רעדט ווי קינדער, — האָט ברונאָן דערקלערט, — דאָס איז דאָך נישט קיין שפּיל. יעדע פון אײַך האָט דאָך אַ באַשטימטע אויפגאַבע . . .

— מיר ווייסן, — האָבן זיך יאַאַשיאַ און לאַלעטשקאַ צעלאַכט, — מיר האָבן נאָר בלויז אַ ביסל געוואָלט שפּאַסן. ס'איז דאָ אַזוי לאַנגווײַליק, מ'זעט זיך נישט אַ גאַנצן טאָג מיט קיינעם, מ'איז אָפּגעשלאָסן פון דער גאַנצער אויסערלעכער וועלט. מ'מוז לעבן אין דער געזעלשאַפט פון אַנדערע דינסטמיידלעך. נו, געלאַנגווײַליקט זיך . . שפּאַסט מען אַ ביסל . . .

— איך פאַרשטיי אײַך, מײַנע טײַערע. אָבער פון איצט אָן וועט איר זיך שוין נישט לאַנגווײַליקן . . .

— פון איצט אָן גייען מיר אַנטקעגן דעם טויט . . . — האָט האָרנאַ צוגעגעבן האַלב פאַרטראַכט.

— דו האָסט מורא, האָרנאַ? — האָט יאַאַשיאַ אַ פרעג געטאָן און אָנגעקוקט האָרנאַן.

ברונאָן האָט זי אויך פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

— וואָס קוקט איר אַלע אַזוי אויף מיר? — האָט האַרנאַ אַ שמייכל געטון, — איך האָב מורא? כאַ־כאַ־כאַ! איך טראַכט אַז איצט גייען מיר מיט פרייד אַנטקעגן דעם טויט, מיט שטאָלץ אויפגעהויבענע קעפּ קוקן מיר דעם פּחד אין די אויגן אַריין! איך האָב געטראַכט אַז איצט וועט שוין זיין נישט לאַנגווייליק, ווייל יעדע מינוט וועט זיין אָנגעפילט מיט פרייד פון דערוואַרטונג, פון אויסלייזונג. איר ווייסט, חבר ברונאָן, דאָס זענען דאָך די גליקלעכסטע מינוטן אין מענטשלעכן לעבן ווען מ׳קאָן זיך ברענגען אַ קרבן פאַר גרויסע מעשים. דעמאָלט פילט מען זיך אַזוי שטאָלץ!

זי האָט גערעדט מיט באַגייסטערונג. איר געזיכט האָט זיך אָנגעצונדן מיט אַ פּורפּור רויטער קאָליר און די בלויע אויגן האָבן געקוקט ערגעץ אין דער ווייטקייט. יאַשיאַ און לאַלעטשקאַ האָבן זי באַטראַכט שווייגנדיקע, אויך ברונאָן האָט געשוויגן. אין גרויסן צימער האָט זיך געהערט בלויז דאָס איינטאָניקע קלאַפּן פון וואַנטזייגער.

— יאָ, ברונאָן, איך פיל מיך שטאָלץ — האָט האַרנאַ איבערגעריסן די שטילקייט — וואָס אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלן נקמה צו נעמען פאַר די ליידן פון אַזוי פיל קעמפערס וועלכע פייניקן זיך אין׳די תפיסות. איך פיל מיך איבערגליקלעך וואָס איך וועל אַ סוף מאַכן צו דעם דאָזיקן אומווערדיקן לעבן וואָס הייסט סקלאַן. מיט פעסטע טריט וועל איך גיין צו דער תליה... איך ווייס דאָך, ברונאָן, ס׳וועט שווער זיין אויסצומיידן דעם טויט, דאָס אַנטלויפן איז כמעט אַן אוממעגלעכע זאַך. איך וועל זיין די לעצטע... מ׳וועט דאָך מיך זיכער כאַפּן... איך וועל שמייכלען, איך וועל שטאָלץ דערקלערן: יאָ, איך האָב דערהרגעט!

— מיר זענען אויך גרייט צו שטאַרבן, — האָבן דערקלערט לאַלעטשקאַ און יאַשיאַ, — מיר נעמען אַלץ אויף רויק, קיין שום זאַך וועט אונדז נישט אָפּשרעקן.

— פרעגן אייך עפּעס די שכנים? — האָט ברונאָן געפרעגט לאַלעטשקאַן.

— איך רעד בלויז מיט די דינסטמיידלעך, מיט וועלכע איך באַגעגן זיך אויפן הויף. זיי הייבן גאָרנישט אָן צו וויסן. איך דערצייל זיי כסדר אַז אין גיכן וועט קומען צו פאָרן נאָך אַ „מאַדאַם", אַ קרובה פון גראַף זאַמאָיסקי. זיי גלייבן מיר און האָבן צו מיר צוטרוי. דער סטרוזש האָט אויך פאַר מיר דרך־ארץ, פאַרשטייט זיך צוליב מיין „רייכער מאַדאַם"...

ברונאָן איז אַוועק. די מיידלעך זענען געבליבן אַליין. האַרנאַ האָט געהייסן צושליסן די טיר פון פראָנט און פון דער קיך. דערנאָך האָט זי אַוועקגערוקט דאָס טישל פון דעם אָרט וווּ ס׳זענען געלעגן די באָמבעס.

— מ׳דאַרף זען צי זיי ליגן אין אָרדענונג, ס׳קאָן אַ מאָל געשען אַן אומגליק, — האָט האַרנאַ דערקלערט — די באָמבעס קאָנען אויפרייסן.

די מיידלעך האָבן פאָרזיכטיק אַרויסגעלייגט די באָמבעס אויפן טיש. לאַלעטשקאַ האָט זיי לייכט געגלעט ווי עפּעס אַ לעבעדיקע זאַך און שטיל געלאַכט.

— מ׳דאַרף זיי לייגן אַזוי אַז מ׳זאָל זיי לייכט קאָנען אַרויסנעמען, — האָט האַרנאַ געזאָגט, — אין קעגנפאַל קאָנען מיר אַלץ פאַרשפּעטיקן.

די באָמבעס זענען געוואָרן צוריק אַריינגעלייגט אין לאָך וואָס פירט צום קוימען. דאָס טישל מיט די זאַכן איז צוריק אַוועקגעשטעלט געוואָרן ביי דער וואַנט און ס׳איז גאָרנישט געווען צו דערקענען אַז דאָרט ליגט עפּעס באַהאַלטן.

— ווען פּאָליציי זאָל גוט זוכן, וואָלט זי געפינען, האַ? — האָט יאַשיאַ באַמערקט.

— פאַרשטייט זיך, — האָט האַרנאַ געענטפערט, — אָבער ביי אַן אייבערפלעכלעכער רעוויזיע וועט זי זיך נישט כאַפּן. איך גלייב נישט אַז ביי אונדז זאָל געמאַכט ווערן אַ רעוויזיע. מיר זענען דאָך אויסער יעדן חשד. מ׳האַלט אונדז דאָך פאַר פולשטענדיק כשרע מענטשן, נישט אמת?

— אָבער די פּאָליציי נישטערט דאָך היינט אומעטום, דו פאַרגעסט אַז ס׳איז אויסנאַמס־צושטאַנד און דאָס לעבן פון די בירגער אין לאַנד איז הפקר. מיר קאָנען האָבן אַן איבערפאַל פון פּאָליציי, ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, האַרנאַ.

— דאָס וואָלט געווען שרעקלעך! — האָט האַרנאַ אויסגערופן,
— איך וואָלט געקעמפט, איך וואָלט מיך נישט אונטערגעגעבן.

— מיט וועמען וואָלסטו געקעמפט, האַרנאַ? — האָט לאַלעטשקאַ געפרעגט.

— וואָס הייסט, מיט וועמען? מיט דער פּאָליציי! ווען איך וואָלט געזען אַז די פּאָליציאַנטן האָבן געפאַקט דאָס באַהעלטעניש פון די באָמבעס, וואָלט איך אַרויסגעריסן איין באָמבע פון זייערע הענט און זי אַ שליידער געטון צו זייערע פיס. זאָלן זיי אויך פאַלן אין קאַמף, די דאָזיקע הינטישע קנעכט!

די מיידלעך האָבן זיך געלייגט שלאָפן. אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן. דער געדאַנק וועגן מאָרגנדיקן טאָג, וועגן דעם אַז מאָרגן קאָן שוין סקלאָן אָפּשטאַטן דעם געצוווּנגענעם וויזיט דעם דייטשן וויצעקאָנסול, האָט די מיידלעך נישט געלאָזט צומאַכן קיין אויג. באַזונדערס וואַך איז געווען האַרנאַ. זי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געקוקט אין דער געדיכטער פינצטערניש וואָס האָט געהערשט אין צימער.

דער זייגער איז שוין געווען צוויי ביי נאַכט. אויף דער גאַס האָט זיך דערהערט אַ הילכיק טופּעריי פון אַ סך פערדישע קאָפּיטעס. האַרנאַ האָט זיך אינסטינקטיוו אַ ריס געטון פון איר געלעגער. אויך יאַשיאַ האָט זיך אויפגעזעצט און אַ פרעג געטון:

— האַרנאַ, וואָס קאָן דאָס זיין?

— דאָס פליען קאָזאַקן אין דער זייט פון בעלוועדער, האָט האַרנאַ געענטפערט, — דאָס גרייט מען זיך צו אוודאי, די שמירה פאַרן אַרויספאָר פון גענעראַל־גובערנאַטאָר.

— וועט עס טאַקע געשען מאָרגן? — האָט יאַשיאַ שטיל געפרעגט.

— איך גלייב אַז יאָ, — האָט האַרנאַ געענטפערט, — ווי מיינסטו, יאַשיאַ, שלאָפט איצט סקלאָן? — פילט ער פאַר וואָס אים דערוואַרט פון אונדז?

— ער שלאָפט זיכער געשמאַק, דער תלין, — האָט יאַשיאַ געענטפערט.

## אין פיבערהאַפטער דערוואַרטונג

צו מאָרגנס, דינסטיק, זענען יאַשיאַ און לאַלעטשקאַ כסדר געשטאַנען ביי די פענצטער אויף דער זייט פון נאַטאָלינסקע און געפלירטעוועט מיט די לאָקאַטאָרן פון אַנטקעגנאיבער. דאָס זענען געווען מערסטן טייל רייכע זינדלעך, שילערס פון קאַדעטן־קאָרפּוס, וועלכע האָבן מיט ליידיקגייערישער הנאה אַריבער געשמייכלט צו די צוויי מיידלעך, געשיקט צו זיי לופטקושן און זיך איבערגעשמועסט מיט האַנט־באַוועגונגען.

לאַלעטשקאַ האָט האַרציק געלאַכט און געזאָגט צו האַרנאַן, וועלכע איז געזעסן אין אַ זייט פון פענצטער:

— שטעל דיר פאָר ווי די דאָזיקע חברה־לייט פון אַנטקעגנאיבער וועלן דאָס עפּענען אַ פּאָר אויגן ווען זיי וועלן זיך דערוויסן אַז מיר, שמייכלענדיקע, פלירטעווענדיקע מיידלעך זענען געווען אַזעלכע געפערלעכע טעראָריסטקעס! כאַ־כאַכאַ! — האָט זי זיך צעלאַכט און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, געפרעגט די שכנים פון אַנטקעגנאיבער: יאָ? יאָ? ס׳איז אמת? כאַ־כאַ־כאַ!

יענע האָבן אויך געענטפערט מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, זייענדיק זיכער אַז דער דאָזיקער „יאָ" האָט אַ שייכות צום פלירט.

— די דאָזיקע, רייַכע, לײדיקגײערישע חברה ווערט זיך גאָרנישט קענען צוגלייבן אַז די זעלבע מיידלעך וועלכע האָבן צו זיי אַזוי ליבלעך און קאָקעטיש געשמייכלט, האָבן עס מכבד געווען סקאַלאָנען מיט אַזאַ היפּשער פּאָרציע דינאַמיט, — האָט האַרנאַ אויך געלאַכט, — דאָס וועט זיכער באַשווערן די אויספאָרשונג, אויב אונדז זאָל געלונגען צו אַנטלויפן. מ׳וועט דאָך זיי אויספרעגן אַלס עדות, וועלן זיי זיכער הייבן מיט די פּלייצעס און שטוינען: „אָט יענע מיידלעך זאָלן האָבן געוואָרפן די באָמבעס?! ניין, מיר קאָנען זיך עס גאָרנישט צוגלייבן!”

א גאַנצן טאָג זענען די מיידלעך געשטאַנען בײַם פענצטער. בעת מיטאָג־עסן זענען זיי, בײַם מינדסטן שאָרך אין דרויסן, צוגעלאָפן צו דער פאָרהאַנג. ס׳איז פאַרבײַ אַ שעה נאָך אַ שעה אין געוואַלדיקער, אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג. סקאַלאָנס קאַרעטע האָט זיך נישט באַוויזן. בלויז צוויי מאָל האָט בײַ האַרנאַן האַסטיק אַ קלאַפּ געטון דאָס האַרץ. דאָס זענען צוויי דראָזשקעס אַרײַנגעפאָרן אין דער נאַטאַלינסקע, פירנדיק פּריוואַטע פּאַסאַזשירן.

— אַז סקאַלאָן וועט פאָרן, וועט מען הערן אַ פיל שטאַרקערע טופּערײַ, — האָט יאַשיאַ באַמערקט, — אים וועלן דאָך אַרומרינגלען אַ צוויי צענדליק טשערקעסן און קאָזאַקן.

פאַר נאַכט איז געקומען ברונאָן און האָט דערקלערט אַז די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע גרייט זיך אויף מאָרגן דורכצופירן אַ פּאָגראָם אויף פּאָליציי און סאָלדאַטן. דאָס וועט, אפשר, סקאַלאָנען אָפּהאַלטן אויף עטלעכע טעג פון באַזוכן דעם וויצעקאָנסול, אָבער לויט די שטימען פון דער פרעסע, וועט דער דאָזיקער וויזיט מוזן צושטאַנד קומען. סקאַלאָן וועט פּערזענלעך מוזן איבערבעטן דעם קאָנסול.

ווידער איז אָנגעקומען דער אָוונט. די שטימונג איז געווען אַ שווערע. די דערוואַרטונג האָט געווירקט ווי אַ קאָשמאַר. בײַ האַרנאַן איז אַנטשטאַנען אַ געדאַנק: טאָמער וועט סקאַלאָן, נישט קוקנדיק אויף אַלע פאַרזיכערונגען פון ברונאָנען, פאָרט נישט באַזוכן דעם וויצעקאָנסול? און זי האָט באַשלאָסן בײַ זיך: טאָמער וועט עס טאַקע אַזוי געשען, וועט זי אויף אייגענער האַנט דערהרגענען דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר, זי וועט נישט רוען ביז וואַנען דער תלין פון טויזנטער קעמפערס און העלדן וועט נישט ליגן אַ טויטער לעבן אירע פיס!...

און די מיידלעך האָבן ווידער פאַרברענגט אַן אומרויִקע שלאָפלאָזע נאַכט.

— הײַנט איז שוין דער פופצנטער אויגוסט, — האָט לאָלעטשקאַ באַמערקט, ווען די מיידלעך זענען אין דער פרי אויפגעשטאַנען פון שלאָף, — מיר וווינען שוין דאָ צוויי וואָכן.

ס׳איז געווען דער טאָג פון בלוטיקן מיטוואָך. אין דעם דאָזיקן טאָג האָבן די דרײַ מיידלעך איבערגעלעבט שווערע מאָמענטן. די שיסערײַען וועלכע האָבן זיך צו זיי דערטראָגן פון דרויסן האָבן געמאַכט אויפציטערן זייער גאַנצן נערוון־סיסטעם. נישט האָבנדיק קיין גענויע ידיעות וואָס אין דרויסן קומט פאָר, זײַענדיק אײַנגעשלאָסן אין דער דאָזיקער איינזאַמקייט פון די פינף גרויסע צימערן און הערנדיק די געדיכטע שיסערײַ אויף די גאַסן, זענען די מיידלעך זיכער געווען אַז אין שטאָט קומט פאָר אַן אָפענער אויפשטאַנד.

— אפשר איז איצט גאָר נייטיק אַרויסצוגיין אין קאַמף אויף די גאַסן, — האָט האַרנאַ באַמערקט, — ס׳וואָלט, אפשר, געווען אַ פּלאַן צו נעמען מיט זיך די באָמבעס און זיך לאָזן אין דעם בלוטיקן געראַנגל? הערט נאָר די קאַנאָנאַדע פון ביקסן!

וואָס קומט פאָר אין דרויסן? ווער האָט די איבערמאַכט אין קאַמף? — די דאָזיקע פראַגעס האָבן כסדר געמאַטערט.

יאַשיאַ האָט פאָרגעלייגט אַז מ׳זאָל אַרויסגיין אין גאַס מיט די באָמבעס. — לויט אַלע סימנים איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, — האָט זי געטענהט, — די קאַנאָנאַדע פאַרשטאַרקט זיך פון מינוט צו מינוט. — פון די קאַשאַרן אויף נאָוואָוויעיסקע פליען כסדר קאָזאַקן. הערט נאָר דעם רעש פון דער טופּערײַ פון די פערדישע פאָדקאָוועס.

אָבער האַרנאַ האָט דערקלערט:

— מיר מוזן אָפּהיטן אונדזער פּאָסטן. מיר זענען איצט וואַכסאָלדאַטן אויפן פּאָסטן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף און מיר טאָרן פריער נישט פאַרלאָזן דאָס דאָזיקע אָרט ביז וואַנען מען וועט אונדז נישט אָפּרופן!

— אָבער אפשר נייטיקט מען זיך דאָרט אין אונדזערע באָמבעס? — האָט לאָלעטשקאַ געזאָגט.

האַרנאַ און יאַשיאַ האָבן געשמייכלט פון לאָלעטשקעס האַרציקער נאַיִוויטעט.

— עס גייט נישט אין די באָמבעס, לאָלעטשקאַ, — האָט האַרנאַ באַמערקט, — עס גייט אין דעם וואָס עס איז שווער דאָ אײַנצוזיצן אויפן אָרט, ווען דו ווייסט אַז אין דרויסן גייט אַ בלוטיקער קאַמף מיט אונדזער געפערלעכן שונא.

אין אָוונט האָט די שיסערײַ אַ ביסל אויפגעהערט. לאָלעטשקאַ איז אַראָפּ צום סטרוזש געוווּיר צו ווערן וועגן פּרטים פון די געשעעניש. ער האָט בלויז דערציילט אַז די סאָלדאַטן מאָרדן און פּאָליציי מאַכט אָן אַ שיעור רעוויזיעס. מען נישטערט אין דער גאַנצער שטאָט.

האַרנאַ איז געווען צום שטאַרקסטן באַאומרויִקט פון דער דאָזיקער ידיעה. ווען פּאָליציי זאָל איצט קומען, וואָלט זי זיכער געמאַכט אַ גענויע רעוויזיע און געפונען די באָמבעס. סקאַלאָן וואָלט געווען געראַטעוועט! דאָס איז פאַר האַרנאַן דאָס שרעקלעכסטע. ווען זי דערמאָנט זיך אָן די דערציילונגען פון די חברים וועלכע מ׳האָט געפּײַניקט אין תפיסה אויפן באַפעל פון דעם דאָזיקן אכזר פון בעלוועדער, ווען זי דערמאָנט זיך אָן דעם נדר וואָס זי האָט זיך געגעבן — סקאַלאָנען אָפּצורוימען, גייט איר אַדורך אַ שוידער איבערן לײַב: ”צוליב דער רעוויזיע קאָן זײַן לעבן דאָך געראַטעוועט ווערן!”

יעדער באַוועגונג אין טויער, דער מינדסטער שאָרך אויף די שטיגן, יעדער הויך וואָרט וואָס איז דערגאַנגען פון הויף, האָט געמאַכט אויפציטערן די נערוון און דאָס האַרץ אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן.

האַרנאַ און יאַשיאַ זענען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן טישל וואָס איז געשטאַנען לעבן דעם באַהעלטעניש פון די באָמבעס. זייערע פּנימער זענען געווען ערנסט און פאַרטראַכט.

— ווי נאָר זיי וועלן אַרײַנקומען, וועל איך שליידערן אויף זיי אַ באָמבע! — האָט לאָלעטשקאַ דערקלערט האַלב־ערנסט, האַלב אין וויץ, וועלנדיק צעשטרײַען די שווערע שטימונג.

— שטילער, רעד נישט אַזוי הויך! — האָט האַרנאַ געמאַכט אויפמערקזאַם, — אפשר ווערן מיר שפּיאָנירט.

יאַשיאַ האָט אַ ווײַז געטון מיט דער האַנט אויף דעם באַהעלטעניש אין דער וואַנט און אַ זאָג געטון:

— דאָרט ליגט דער שכר פאַר אונדזערע ליידן! האַרנאַ, מיר וועלן נאָך האָבן דאָס גליק צו זען ווי סקאַלאָן ווערט צעשמעטערט אויף שטיקלעך! אָ, ווי שטאַרק עס וועלן קלאַפּן די הערצער פון די טויזנטער אַרעסטירטע אין די תפיסות! זאָרג נישט, מיר וועלן אויסהאַלטן!

שפּעט אין אָוונט האָט די שיסערײַ אויפגעהערט. אויף דער גאַס איז געווען שטיל. האַרנאַ האָט זיך אָוועקגעזעצט בײַ דער פּיאַנע און אין מעכטיקע אַקאָרדן אויסגעשפּילט שאָפּענס אַ מאַזורקע. מ׳האָט מיט עפּעס געדאַרפט צערײַסן די קאָשמאַרנפולע שטילקייט וואָס האָט געהערשט אין דער דירה. לאָלעטשקאַ האָט געטאַנצט און מיטגעריסן מיט זיך יאַשיאַן.

— מיט אונדז איז די פרייד, מיט אונדז איז דער גלויבן, — האָט לאָלעטשקאַ געמונטערט, — פאַר וואָס זאָלן מיר זײַן אַזוי ערנסט? שפּיל, האַרנאַ, שטאַרקער, אָט אַזוי — מאָרגן פאַלט דער תלין, מאָרגן שטאַרבט סקאַלאָן... — האָט זי צוגעזונגען צום טאַקט פון דער מוזיק.

די שטימונג איז געוואָרן הייטערער. האַרנאַ האָט געשפּילט און לאָלעטשקאַ האָט משמח געווען אירע חברטעס מיט וויצן, שטיפערײַען און טענץ.

— מיר זענען איצט שטאַרקער פון אַ גאַנצן באַטאַליאָן סאָלדאַטן, — האָט זי זיך געוויצלט, — מיט אונדזערע פיר באָמבעס קאָנען מיר זיי צעטרייבן!

זיי האָבן פאַרבראַכט אַזוי ביז איינס אַ זייגער בײַ נאַכט. אָבער אויך אין דער דאָזיקער נאַכט איז שווער געווען צו שלאָפן. האָרנאַ האָט זיך אַלע ווײַל אויפגעריסן פון געלעגער, ס'האָט זיך איר געדוכט אַז פּאָליציי גייט אויף די שטיגן, אַז מ'קלאַפּט אין דער טיר. זי האָט געוועקט יאָאַשיאַן.

— דו הערסט, יאָאַשיאַ?

— וואָס, האָרנאַ?

— דוכט זיך טריט אויף די שטיגן...

— דאָס איז דער סובלאָקאַטאָר פון צווייטן שטאָק, ער קומט אַלע נאַכט אַהיים אַזוי שפּעט...

בײַ יעדן שאָרך האָט זיך האָרנאַ ווידער אויפגעריסן פון געלעגער...

אַכט אַ זייגער אין דער פרי האָט מען לײַכט אָנגעקלונגען אין דער טיר. די מיידלעך, וועלכע זענען נאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָבן זיך פרעגנדיק איבערגעקוקט. לאָלעטשקאַ האָט דערקלערט:

דאָס איז זיכער ברונאָן, ס'איז זײַן קלונג, פון אים וועלן מיר זיך איצט דערוויסן נײַעס.

ס'איז טאַקע געווען ברונאָן. ער האָט דערציילט וועגן די שווערלעכקייטן פון נעכטיקן טאָג, ער האָט איבערגעגעבן אַז אין שטאָט ווערן געמאַכט אַ מאַסע רעוויזיעס און אַרעסטן.

— מ'דאַרף דעריבער איצט אָנווענדן די גרעסטע מאָס פון פאָרזיכטיקייט, — האָט ברונאָן געמאַכט אויפמערקזאַם, — איז בײַ אײַך אַלץ אין אָרדענונג?

ער האָט דורכגעקוקט די גאַנצע וואוינונג, באַטראַכט יעדן ווינקל, יעדע קלייניקייט, און דער עיקר אַכט געלייגט אויף די מעגלעכקייט פון אַנטלויפן. ס'איז באַשטימט געווען אַז נאָכן וואַרפן די באָמבעס דאַרפן די מיידלעך אַנטלויפן דורך דער קיכטיר און ער האָט דעריבער באַזײַטיקט פון וועג וואָס פירט צו דער דאָזיקער טיר אַלע זאַכן וואָס וואָלטן געקאָנט זײַן אַ שטערונג אויפן וועג.

— יעדע סעקונדע וועט שפּילן אַ ראָל בײַם אַנטלויפן — האָט ער דערקלערט, — דאָס מינדסטע פאַרהאַלטן זיך קאָן זײַן געפערלעך.

אַלע טישלעך, שטולען און אַנדער מעבל וואָס האָבן זיך געפונען אויפן וועג פון די פענצטער ביז צו דער טיר, זענען דורך ברונאָנען באַזײַטיקט געוואָרן.

— הײַנט וועט ער זיכער דורכפאָרן, זײַט גרייט, מײַנע טײַערע! — האָט ער געזאָגט בײַם אַוועקגיין.

לאָלעטשקאַ און יאָאַשיאַ האָבן זיך אַוועקגעשטעלט בײַם פענצטער און ווײַטער גענומען פלירטעווען מיט די לאָקאַטאָרן פון די אַנטקעגנאיבערדיקע פענצטער. האָרנאַ איז געזעסן אין פיבערהאַפטער דערוואַרטונג. ווי נאָר זי האָט דערהערט אַ ווײַטן אָפּהילך פון אַ טופּערײַ פון פערדישע קאָפּיטעס, איז זי שוין אויפגעשפּרונגען פון אָרט. ס'איז אָבער געווען אַ געוויינלעכע דראָזשקע.

די שעהען האָבן זיך געצויגן, די נערוון זענען געווען אָנגעשטרענגט ביז דער העכסטער מדרגה. לאָלעטשקאַ און יאָאַשיאַ האָבן אויפגעהערט דעם פלירט און זענען געשטאַנען הינטער די פאַרצוייגענע פאָרהאַנגען און געוואַרט מיט קלאַפּנדיקע הערצער.

די פענצטער זענען געווען אָפן, אַ וואַרעם ווינטל האָט אַרײַנגעבלאָזן אין צימער און געוויגט הין און צוריק די פאָרהאַנגען. די מיידלעך זענען געשטאַנען און אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. ווי נאָר ס'האָט זיך דערהערט אַ טופּערײַ פון פאָדקאָוועס, זענען זיי אויפגעשפּרונגען פון די ערטער און זיך געגרייט אַרויסצונעמען די באָמבעס.

אָבער סקאַלאָן האָט זיך נישט באַוויזן. דער טאָג איז פאַרבײַ. פאַר נאַכט האָט יאָאַשיאַ געזאָגט מיט אַן אומעטיקער שטים:

— אפשר וועט ער שוין נישט פאַרבײַפאָרן... ווער ווייסט?

— פאַר וואָס מיינסטו אַזוי? — האָט האָרנאַ דערשראָקן געפרעגט, — ער מוז דאָך קומען איבערבעטן דעם קאָנסול.

— אפשר וועט ער פאָרן צום באַראָן אין דער ביוראָ, — האָט יאָאַשיאַ געענטפערט, — סקאַלאָן האָט דאָך אַ ברירה אָפּצושטאַטן דעם וויזיט אויף דער יאַסנע־גאַס, וווּ דער קאָנסול אַמטירט.

— דאָס איז אויסגעשלאָסן! — האָט האָרנאַ אויסגערופן, — לויט ווי די אויסלענדישע צײַטונגען שרײַבן וועט סקאַלאָן באַזוכן דעם וויצעקאָנסול אין דער וואוינונג.

אָבער אין האָרנאַס האַרץ האָט זיך אויך אַרײַנגעגנבעט אַ געפיל פון ספקות: אפשר טאַקע וועט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר זיך מיישב זײַן און פאָרן אין דער ביוראָ פון קאָנסול אויף יאַסנע.

ס'איז ווידער אָנגעקומען דער אָוונט. די כסדרדיקע פיבערהאַפטע דערוואַרטונג האָט די יונגע מיידלעך אַרײַנגעברענגט אין אַ צושטאַנד פון דעפּרעסיע. זיי זענען אַרומגעגאַנגען איבער די גרויסע צימערן און געשוויגן. די הענט האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצופאַלן, ס'האָט זיך געדוכט אַז די גאַנצע אַרבעט און די גאַנצע אָנשטרענגונג איז אַן אַרויסגעוואָרפענע און אומזיסטע.

— דאָס האַרץ זאָגט מיר אַז הײַנט וועט זיך דער העכט באַווײַזן, — האָט דערקלערט לאָלעטשקאַ שטייענדיק בײַם פענצטער. — מ'קאָן גאַנץ דרייסט אַרויסנעמען די באָמבעס און צוגרייטן זיי אויפן פענצטער!

— ס'איז נאָך צײַט, אַזוי פרי וועט ער נישט פאַרבײַפאָרן, — האָט האָרנאַ באַמערקט.

דער טאָג איז געווען אַ ליכטיקער, אַ הייסער. די מיידלעך האָבן ווידער אויפגעציטערט ביי יעדער טופּערײַ, זענען געלאָפן צו די פענצטער, שווער געאָטעמט און די אויגן האָבן זיך פאַר אויפרעגונג ברייט אויפגעעפנט און דורך די דורכזיכטיקע פאָרהאַנגען אַראָפּגעקוקט אויף דער גאַס.

— נישטאָ! — האָט האָרנאַ אַרויסגערעדט מיט אַ זיפץ.

— ער וועט הײַנט נישט אַדורכפאָרן, — האָט יאָאַשיאַ שטיל געזאָגט, ווי צו זיך.

די פענצטערשויבן פון די הײַזער האָבן זיך העל צעגליט אין די שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון, פאַרנאַכטיקע שאָטנס האָבן זיך אַרײַנגעשלייכט אין צימער. נאָך אַ טאָג איז פאַרשוווּנדן. די פאַרצווייפלונג איז געוואַקסן. האָרנאַ איז געווען זיכער אַז די גאַנצע אַקציע איז פאַרשפּילט. זי האָט מורא געהאַט דעם געדאַנק אַרויסצוזאָגן הויך אויפן קול. אָבער יאָאַשיאַ האָט אָפן דערקלערט:

— דער חברה־מאַן לאָזט זיך נישט אַרויסנאַרן. איך גלייב שוין נישט אַז סקאַלאָן זאָל קומען צום קאָנסול.

אַרום נײַן אַ זייגער איז אָנגעקומען ברונאָן.

— חבר ברונאָן, דוכט זיך אַז פון אונדזער גאַנצער מי וועט גאָרנישט ווערן, — האָט האָרנאַ אים באַגעגנט מיט די דאָזיקע ווערטער אין וועלכער ס'איז געווען סײַ פאַרצווייפלונג, סײַ פאָרוווּרף.

ברונאָן האָט זיך אויך געפילט ווי שולדיק. טיף אין האַרצן האָט ער שוין געצווייפלט צי זײַן גאַנצער פּלאַן פון אַרויסנאַרן סקאַלאָנען אויף דער נאַטאָלינסקע־גאַס וועט זיך אײַנגעבן. ער האָט זיך אָבער באַהערשט און אַרויסגעוויזן מונטערקייט און זיכערקייט.

— אָ, האָרנאַ, — האָט ער גערעדט צו איר מיט אַ טאָן פון שטראָפפרייד, — מען טאָר נישט זײַן אַזוי אומגעדולדיק! אַ רעוואָלוציאָנער מוז האָבן געדולד, אַ רעוואָלוציאָנער מוז פאַרמאָגן אויסדויער און אַ פעסטן ווילן.

— אָבער, חבר ברונאָן, איר ווייסט נישט ווי דאָס דאָזיקע וואָרטן דענערווירט, — האָט זיך אָנגערופן יאַשיאַ, — דאָס כסדר־דיקע שטיין בײַם פענצטער און האָרכן, — אָ, די נערוון ווערן שיר נישט צעשפּרונגען!

— איך פאַרשטיי אײַך אויסגעצייכנט, — האָט ברונאָן זיי גענומען באַרויִקן, — אָבער איך פאַרזיכער אײַך אַז סקאַלאָן וועט מוזן באַזוכן דעם וויצעקאָנסול. דער ענין איז דאָך נישט קיין פּשוט־טער, ער וואַנדערט דאָך דורך פּעטערבורג און בערלין, מיט אים פאַרנעמען זיך דיפּלאָמאַטן. די דײַטשן ווייסן גאָרנישט אַז זיי אַליין שיקן דעם צאַרישן גענעראַל־גובערנאַטאָר אין אונדזערע הענט אַרײַן! דאָס איז באמת פײַן. דער קייזער ווילהעלם מיט זײַן פּאָדערן סאַטיספאַקציע וועט אומדירעקט זײַן שולדיק אין סקאַלאָנס טויט. כאַ־כאַ־כאַ!

ברונאָן איז לאַנג געזעסן אין דער געזעלשאַפט פון די מיידלעך און זיך באַמיט צו ענדערן זייער נידערגעשלאָגענע שטימונג. ער האָט זיי דערציילט פאַרשידענע קוריאָזן פון פּאָליטישן קאַמף, ווי אַזוי מען נאַרט אָפּ די פּאָליציי, ווי אַזוי אַרעסטאַנטן גנבענען זיך אַרויס פון תּפיסה. ער האָט אויך ווײַטער געגעבן אָנווײַזונגען ווי אַזוי אויסצופירן דעם אַטענטאַט:

ווען איר וועט אַרויסלויפן פון שטוב און אַראָפּלויפן פון די שטיגן, זאָלט איר פאַרברעכן מיט די הענט און אַרויסווײַזן אַז איר זענט מכלומרשט שטאַרק גערירט פון דעם, וואָס ס'איז פאָרגעקו־מען. די „קעכין" יאַשיאַ און די דינסט לאָלעטשקאַ דאַרפן קלאָגן אויפן קול און שרײַען מיט אַ פּויערישער אויסשפּראַך: „אוי, גאָט, גאָט, וואָס איז דאָ געשען? וויי, וויי!" איר דאַרפט דאָך פאַרשטיין אַז אַ סך מענטשן אין הויף און אויך אויף דער גאַס וועלן אויך זײַן אין דער זעלבער דערשראָקענער, פאַרצווייפלטער שטימונג, און אײַער פאַרצווייפלונג און מכלומרשט פאַרברעכן מיט די הענט וועט אָפּווענדן פון אײַך יעדן חשד. אַזאַ אַלגעמיינע שטימונג פאַראייניקט מענטשן און פאַרלײַכטערט אויסגעצייכנט די שווערע לאַגע פון אַנט־לויפנדיקן.

ברונאָן האָט אַרויסגעוויזן אַ גלענצנדיקע קענטעניש פון דער מענטשלעכער נשמה. אין דער גאַנצער אַקציע איז דאָס צום וויכטיק־סטן נייטיק געווען. דאָס ראַטעווען זיך פון די מיידלעך האָט ער אָפּ־הענגיק געמאַכט פון פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרן אין מאָמענט פון אַנט־לויפן. וועלן זיך די אַנטלויפנדיקע באַמיען אויסצודריקן די זעלבע דערשראָקענע, פאַרצווייפלטע שטימונגען וואָס די מענטשן אויפן הויף און אויף דער גאַס — זענען זיי געראַטעוועט!

דער איצטיקער שמועס מיט ברונאָן האָט די מיידלעך אויפגע־הייטערט. זײַן אופן פון דערציילן, די עצות און אָנווײַזונגען וואָס ער האָט געגעבן, זײַן גאַנצע וואַרעמע האַלטונג האָבן אויף זייערע נידערגעשלאָגענע געמיטער געווירקט ווי טוי אויף אײַנגעטרוקנטע בלומען. זיי זענען פול געוואָרן מיט האָפענונג און האָבן זיך גע־גרייט מיט פרייד צום מאָרגנדיקן טאָג.

אין דער דאָזיקער נאַכט זענען זיי אַלע געשמאַק געשלאָפן. זיי האָבן שוין נישט אויפגעציטערט בײַ יעדן שאָרך ווי אין די פריער־דיקע נעכט. ברונאָן האָט זיי צוגעגעבן מוט און גלויבן.

## סקאַלאָנס אַרויספאָר

שבת, דעם 18טן אויגוסט.

ווען די מיידלעך האָבן זיך אויפגעכאַפּט, האָט אַרײַנגעקוקט אין די פענצטער אַ גרויער, רעגנדיקער פרימאָרגן. ס'האָט זיך גע־וואָלט אַז די זון זאָל ווי נעכטן אַרײַנשמייכלען אין פענצטער. דאָס שלעכטע וועטער, דער בלײַערנער הימל האָבן זיך שווער געלייגט אויפן האַרצן. דער גלויבן האָט ווידער זיך אָנגעהויבן צו וואַקלע־די שטימונג איז ווידער געוואָרן אַ נידערגעשלאָגענע.

— וועט ער הײַנט אַדורכפאָרן? — האָט געהאַמערט איי־פראַגע.

די שעהען האָבן זיך גענומען ציִען ווי אייביקי־

געדוכט אַז דער טאָג וועט זיך שוין קיין מאָל נישט ענדיקן און וועט זיך ציִען אָן אַ סוף, אָן אַן ענדע.

לאָלעטשקאַ און יאַשיאַ האָבן זיך פאַרנומען מיטן אָפּקאָכן דאָס מיטאָג. האָרנאַ האָט געוואַכט בײַם פענצטער. דער רעגן האָט געשפּריצט אויף די שויבן, געפּויקט אַזוי איינטאָניק און אומעטיק. האָרנאַן האָט אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון אַ מאָדנער בענקשאַפט. טרערן האָבן זיך איר אַזש געשטעלט אין די אויגן. וועט גאָרנישט ווערן פון דער גאַנצער צוגרייטונג, פון דעם גאַנצן פּלאַן? אָ, ווי דאָס וואָלט געווען שרעקלעך!

דרײַ בײַ טאָג האָבן די מיידלעך געגעסן מיטאָג. זיי זענען גע־זעסן בײַם טיש און זיך אײַנגעהאָרכט צו דעם מינדסטן שאָרך אין דרויסן. שטיל! קיין שום קלאַנג! בלויז דאָס איינטאָניקע פּויקן פון רעגן אויף דער בלעך פון פענצטער.

נאָכן עסן זענען אַלע דרײַ געבליבן זיצן אַ ווײַל אומבאַוועגלעך און שווײַגנדיק. אַ מאָדנע שטילקייט האָט געהערשט אין צימער. די מיידלעך זענען געזעסן פאַרטראַכט, ס'איז געווען שווער אויסצו־רעדן אַ וואָרט. וואָס וועט מען רעדן? אַז ס'איז שוין ווידער פאַרבײַ אַ טאָג מיט גאָרנישט?

און פּלוצלינג — וואָס איז דאָס? האָרנאַ גיט אַ ציטער, יאַשיאַ קוקט זי אָן מיט אַ פרעגנדיקן בליק, לאָלעטשקאַ גיט נערוועז אַ וואָרף מיטן קאָפּ.

— האַ? — פרעגט האָרנאַ.

אויף דער גאַס האָט זיך דערהערט אַ ווילדער גאַלאָפּ פון אַ סך פערד.

די מיידלעך גיבן זיך אַ ריס פון די ערטער און לויפן אַלע צו צו די פענצטער. לאָלעטשקאַ כאַפּט אָן האָרנאַן פאַרן קלייד:

— ס'איז ער! — קרעכצט זי שווער אַרויס.

יאָ, ס'איז טאַקע ער. האָרנאַ זעט ווי די קאַרעטע, געשפּאַנט אין צוויי געזונטע, גרויסע פערד, פליט איבער דער גאַס און איז אַרומגערינגלט מיט אַן אָפּטיילונג גאַלאָפּירנדיקע טשערקעסן.

אַ קאַלטער ציטער גייט דורך איבער האָרנאַס גאַנצן קערפּער. זי קאָן נישט אָפּרײַסן דעם בליק פון דער גאַס, הגם די גאַלאָפּירנ־דיקע טשערקעסן מיט דער קאַרעטע זענען שוין פאַרבײַגעפלויגן פאַרן פענצטער.

— ער וועט באַלד צוריקפאָרן! — האַמער יר אין קאָפּ, —
נעמט אַרויס די באָמבעס! — זאָגט זי מיט יקט קול, —
די קליינע ליגט אויף די קישעלעך, די גר יענצטער!
שנעלער! זאָלן אַלע טירן זײַן אָפן!

יאַשיאַ און לאָלעטשקאַ נע יע
הענט ציטערן, די הערצער וואַר

— פאָרזיכטיק! איר
פאָרקומען אַן אויפרײַס!
קול.

זי וואַרפט
איר אויסקומ
זי טוט אָן
פון שוּ
אַרײַנ
שט

לען זענען פאַררוקט אויף אַ זײַט, זעט אויס אַז די טשערקעסן זענען מיד. זיי האָבן שנעל גאַלאָפּירט כדי אָנצוּװאַרפן אַ שרעק אויף די פאַרבײַגייערס.

— מיר האָבן אים! — שעפּטשעט יאַשיאַ.

לאַלעטשקאַ לויפט שנעל אַראָפּ פון די טרעפּ.

האַרנאַ האַלט די הענט אויף דער באָמבע. ווען זי האָט זי אַ ביסל אויפגעהויבן, כדי זי צו האַלטן גרייט צום וואַרפן, האָט זי באַמערקט ווי אַ גרופּע נייגעריקע, וואָס איז געשטאַנען אין איינעם פון די אַנטקעגנאיבערדיקע טויערן, איז שנעל אַרייַנגעלאָפן אינעווייניק און פאַרהאַקט דאָס טויער.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט די קאַרעטע מיט סקאַלאָנען גענומען פאָרן צוריק.

האַרנאַן האָט פאַרפעלט אָטעם, די ליפּן האָבן געציטערט, אין האַלדז איז געוואָרן ענג, אינעווייניק, אין דער נשמה, האָט אַ שטים איינגערוימט:

— ווען די קאַרעטע וועט זיך אויסגלײַכן מיט דער לאַמטער־נע... אָט מיט דער לאָמטערנע — דעמאָלט... אַ וואָרף טון...

די קאַרעטע איז איצט געפאָרן פּאַמעלעך. זעט אויס אַז סקאַלאָן איז שוין געווען זיכער אַז עס דראָט אים נישט קיין שום געפאַר. דער רעגן האָט שוין געהאַט אויפגעהערט, דעריבער איז די קאַרעטע געווען אָפן. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר איז געזעסן צוזאַמען מיט זײַן אַדיוטאַנט באַקוועם צעשפּרייט אין דער ברייטער קאַרעטע און האָט רויק זיך אַרומגעקוקט איבער די הײַזער און פענצטער.

ווען די קאַרעטע האָט זיך דערנענטערט צו דער לאָמטערנע, האָט סקאַלאָנס בליק זיך געטראָפן מיט די בליקן פון האַרנאַ און יאַשיאַ... ער האָט לײַכט אַ שמייכל געטון און געזאָגט צום אַדיוטאַנט:

— וואָס פאַר אַ שיינע פרײַלינגס, נישט אמת?

דער אַדיוטאַנט האָט שוין נישט באַוויזן צו ענטפערן. עפּעס אַ זאַך איז געפלויגן פון דעם זעלבן פענצטער גלײַך אויף די פערד פון דער קאַרעטע. די טשערקעסן האָבן זיך אַ ריס געטון אויף צוריק מיט זייערע פערד, ס'איז אַרײַנגעטרעטן אַ סעקונדע פון אַ שרעקלעכער, פאַרגליווערטער שטילקייט. פאַר וואָס געדויערט עס אַזוי לאַנג?

אָט פאַלט נאָך אַ בלעכערנער פּושקע!

פּלוצלינג האָט אַדורכגעשניטן די שטילקייט אַ מוראדיקער, באַטויבנדיקער קנאַל. אַ געדיכטער זײַל פון שטויב און רויך האָט איינגעהילט די גאַס. דאָס האָט אויפגעריסן די צווייטע באָמבע וואָס יאַשיאַ האָט אַראָפּגעוואָרפן.

ה אַ ר נ אַ ס   ב אָ מ ב ע   ה אָ ט   נ י ש ט   א ו י פ ג ע ר י ס ן. די דערשראָקענע פערד, דערפילנדיק, אַז מ'האָט זיי עפּעס געוואָרפן אונטער די פיס, האָבן מעכטיק אַ ריס געטון די קאַרעטע און יאַשיאַס באָמבע איז געפאַלן אַ צען טריט ווײַט פון דער קאַרעטע.

האַרנאַ האָט דערפילט, אַז ס'איז עפּעס נישט אין אָרדענונג, זי האָט שנעל געכאַפּט די קליינע באָמבעס און זיי אַראָפּגעוואָרפן איינע נאָך די אַנדערע. ווידער צוויי באַטויבנדיקע קנאַלן, ווידער אַ רויך.

— יאַשיאַ, דוכט זיך אַז ער איז אַרויס גאַנץ? — פאַרברעכט האַרנאַ די הענט.

— טו אויס דאָס קלייד, שנעלער! שרייט יאַשיאַ — לאָמיר איצט נישט רעדן! לויפן, לויפן, שנעלער!

האַרנאַ רײַסט שנעל אַראָפּ פון זיך דאָס קלייד, וואַרפט אַרויף אויף זיך אַ מאַנטל. זי לויפט אַרויס אויף די טרעפּ. יאַשאַ לויפט פריִער, פאַרברעכט מיט די הענט און כליפּעט:

— ווי צו מיר! ווי צו מיר! גאָט אין הימל, וואָס איז דאָ געשען?

טירן עפענען זיך, שכנים לויפן אַרויס, איינער פרעגט בײַ האַרנאַן וואָס ס'איז געשען, האַרנאַ איז בלאַס, זי קוקט יענעם אָן און פאַרברעכט די הענט:

— כ'ווייס אַליין נישט, אַ באָמבע... אויפגעריסן...

ביידע מיידלעך לויפן ווײַטער. זיי קומען אָן אין טויער. דאָרטן שטייען עטלעכע טשערקעסן וועלכע זענען פון שרעק אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן. די מיידלעך ציִען זיך אַ סעקונדע צוריק, אָבער אַן איבערמענטשלעכע, אומגעהייערע אינערלעכע קראַפט שטויסט זיי ווײַטער. זיי וויינען הויך אויפן קול און לויפן אַרויס אויף דער גאַס. די טשערקעסן זענען אַזוי איבערגעשראָקן פון דעם באָמבעס־געקנאַל אַז זיי קוקן אפילו נישט אויף די מיידלעך און לאָזן זיי אַדורך. אויף דער גאַס לויפן דערשראָקענע מענטשן. נישט ווײַט פון טויער שטייט אַ דראָזשקע.

— דאָס האָט ברונאָן זיכער צוגעגרייט, — בליצט אויף אין האַרנאַס קאָפּ אַ געדאַנק.

ביידע מיידלעך זעצן זיך אַרײַן אין דער דראָזשקע. יאַשיאַ וויל זאָגן ווו דער דראָזשקאַזש זאָל פאָרן, אָבער ס'פאַרפעלט איר אָטעם. דער דראָזשקאַזש וואַרט נישט, ער גיט אַ שמיץ דעם פערד און ווען די דראָזשקע נעמט פאָרן, גיט האַרנאַ אַ ציטער און כאַפּט אָן יאַשיאַן בײַ דער האַנט.

— זע, ער לעבט, ער איז גאַנץ, אָ! — שעפּטשעט זי.

ס'פאָרט פאַרבײַ סקאַלאָנס קאַרעטע. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר איז בלאַס, אָבער ער איז אַרויס גאַנץ. האַרנאַס ערשטע באָמבע האָט נישט אויפגעריסן, בלויז עטלעכע טשערקעסן זענען פאַרווונדעט געוואָרן און אַ פערד איז געפאַלן טויט.

ער פאָרט פאַרבײַ, האַרט פאַר דער דראָזשקע... אַ טשערקעס באַפעלט דעם דראָזשקאַזש צו פאָרן אָן אַ זייט. האַרנאַ דרייט אויס דאָס געזיכט. יאַשיאַ בײַסט זיך די פינגער פאַר אויפרעגונג.

— אַרויסגעוואָרפן אונדזער מי, אונדזערע שלאָפלאָזע נעכט, — שעפּטשעט זי שטיל.

— שרעקלעך! — גראָבט זיך האַרנאַ איין מיט איר געזיכט אין די הענט. — הער נאָר ווי די סאָלדאַטן באַגעגענען אים מיט אַ הוראַ! דער תלין לעבט!

אַ ספּאַסמאַטיש געוויין כאַפּט זי אָן. יאַשיאַווישט איר די טרערן און באַרויִקט זי. אָבער האַרנאַ שלוכצט ווײַטער און אירע אַקסלען צוקן נערוועִש: — אָ, ער לעבט דאָך, דאָס איז שרעקלעך! דער תלין לעבט ווײַטער!

---

האַרנאַ איז שפּעטער געוואָרן די פרוי פון פאַרמלחמהדיקן באַקאַנטן פּוילישן פּאָליטיקער טיטוס פיליפּאָוויטש.

(פאַרלאַג „גראָשן־ביבליאָטעק" וואַרשע 1931)



**יוסף סאַנדעל** (וואַרשע)

# מאַוריצי טרעמבאַטש

דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט פאַרמאָגט צווישן זיינע רייכע מאַטעריאַלן אויך אויטענטישע דאָקומענטן וועגן לעבן און שאַפן פון באַקאַנטע יידישע קינסטלער־פּלאַסטיקער. דאָס איז אַ וויכטיקער צושטייער פאַר אַן אָביעקטיווער פאָרשונג נישט בלויז וועגן שאַפן פון באַזונדערע קינסטלער, נאָר זיי גיבן אונדז אויך אַ טיפן אַריינבליק אין די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן פון דער דאָזיקער תקופה. אַזאַ אינפאָרמאַטיווער קוואַל איז דער אָפּגעראַטעוועטער פערזענלעכער אַלבום פון נעסטאָר פון די יידישע קינסטלער אין פּוילן, מאַוריצי טרעמבאַטש. דער אַלבום איז געפונען געוואָרן אין לאָדזש נאָך דער באַפרייאונג. דער אַלבום שליסט איין 130 רעפּראָדוקציעס פון טרעמבאַטשעס שאַפונגען, בפרט פון זיין ערשטן שאַפונג־פּעריאָד. צווישן זיי זענען פאַראַן אַ סך בילדער וועלכע זענען רעפּראָדוצירט געוואָרן אין צייטונגען און זשורנאַלן. אינעם אַלבום זענען אויך פאַראַן אַ סך צייטונג־אויסשניטן מיט אָפּשאַצונגען וועגן דעם קינסטלער, ס'רוב אין דייטש און פּויליש, צוויי אין יידיש און איינע — אין רוסיש. אַ סך פון די אויסשניטן פון אַלבום זענען שטאַרק פאַרגעלטע בלעטער און שטאַמען פון די 80־90ער יאָרן. די אויסשניטן נעמען אַרום אַ גרויסן צייטאָפּשניט פון די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט ביז דעם יאָר 1926. די אויסשניטן גיבן אָפּשאַצונגען און צווישן זיי איז אויך פאַראַן אַן אַרטיקל לכבוד דעם 65טן געבוירן־טאָג פונעם קינסטלער, וואָס איז אויסגעפאַלן אין יאָר 1926. די מאַטעריאַלן פונעם אַלבום בכלל נעמען אַרום אַ נאָך ברייטערן צייטאָפּשניט, ווייל זיי דערגייען ביזן לעצטן עטאַפּ פון טרעמבאַטשעס לעבן אין לאָדזשער געטאָ וואו ער איז געשטאָרבן. אַזוי אַרום נעמען די מאַטעריאַלן פונעם אַלבום אַרום די אַנטוויקלונג פונעם קינסטלער אין משך פון 60 יאָר. אין אַזאַ לאַנגער תקופה האָט טאַקע דער קינסטלער טרעמבאַטש געווירקט. דער אַלבום איז אַ מין רעטראָספּעקציע פון אַ קינסטלער־לעבן מיט אַלע זיגזאַגן פון קינסטלערישן און פּריוואַטן לעבן אין דער בירגערלעכער וועלט ביז סעפּטעמבער 1939. דערנאָך איז דער קינסטלער אַריינגעפאַלן אין מערדערישן קעסל פון דער היטלעריסטישער אָרדענונג אין „ליצמאַנשטאַט". פון דער געטאָצייט זענען שוין קיין דאָקומענטן נישטאָ, אָבער עס זענען פאַראַן אין אַלבום 3 פאָטאָגראַפיעס, געמאַכט פון דעם פאָטאָגראַף גראָסמאַן אין לאָדזשער געטאָ. מיר זעען דאָ דעם אַלטן און שטערבלעך קראַנקן קינסטלער ווי ער ליגט אין בעט מיט אויפגעריסענע אויגן אין פחד פאַרן דרויסן. אַרום אים זיצן אַ פּאָר מענטשן, אויך אין גרויליקער שרעק. דאָס איז געווען דאָס איינציקע פון דער געטאָצייט וואָס דער קינסטלער האָט אַריינגעלייגט אין אַלבום — אין קעגנזאַץ צו די דאָקומענטן, צייטונג־אויסשניטן און רעפּראָדוקציעס פון זיינע בילדער, וואָס דער קינסטלער פלעגט אין די פריערדיקע צייטן אַריינקלעבן. אַזוי אַרום זעען מיר פאַר זיך טרעמבאַטשעס גאַנץ לעבן און זיין קינסטלערישע אַנטוויקלונג — לויט די שול־צייגענישן פון דער צייט ווען ער האָט זיך געלערנט — ביזן סוף.

**מאַוריצי טרעמבאַטש** איז געבוירן אין וואַרשע דעם דריטן מײַ 1861. אין זיין זעכצנטן לעבנסיאָר ווערט ער אויפגענומען אין דער צייכענונג־שול, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער באַרימטער פּוילישער קינסטלער און פּאַטריאָט וואָיטשעך גערסאָן. די שול פון גערסאָנען איז געווען אין אַמאָליקן קאָנגרעס־פּוילן די איינציקע בילדונג־אינסטיטוציע פאַר קינסטלער נאָך דעם ווי די צאַרישע מאַכט האָט אַלס רעפּרעסיע פאַרן אויפשטאַנד אין 1863 פאַרמאַכט אַלע קונסטשולן. עס איז כדאַי ביי דער געלעגנהייט אונטערצושטרייכן אַז אין דעם יאַנואַר־אויפשטאַנד האָט זיך באַטייליקט דער יידישער קינסטלער אַלעקסאַנדער סאָכאַטשעווסקי, וועלכער איז פאַראורטיילט געוואָרן צו תליה און איז דערנאָך באַגנעדיקט געוואָרן און באַקומען אייביקע קאַטאָרגע. נאָך 20 יאָר פאַרברענגען דאָרט האָט זיך סאָכאַטשעווסקי אומגעקערט קיין פּוילן און געמאָלן צענדליקער בילדער פון זיינע איבערלעבענישן.

די געשאַפענע קונסט פּלאַצוווקע פון גערסאָנען איז געווען נאָך די געשעענישן פון 1863 אַ וויכטיקע פּאָזיציע אַ דאַנק דער ערנסטקייט, פּאַטריאָטישער דרייסטקייט און קודם־כל אַ דאַנק די ערשטקלאַסיקע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן פון גערסאָנען, וואָס האָט דערצויגן אַ דור קינסטלער אין קאָנגרעס־פּוילן.

אַ גרויסע צאָל פון די שפּעטער באַרימט־געוואָרענע פּוילישע קינסטלער, ווי יוזעף כעלמאָנסקי, יאַן סטאַניסלאַווסקי, לעאָ וויטשולקאָווסקי, אייסמאָנד פּאַנקעוויטש און אַנדערע, האָבן זייערע ערשטע שריט אין דער קונסט אָנגעהויבן אונטער דער אָנפירונג פון גערסאָנען. גערסאָנס פּרינציפּ איז געווען אַז כדי אַ קונסטווערק זאָל זיין ווערטפול, מוז עס זיין אי פּרעציז געצייכנט — כמעט מאַטעמאַטיש אויסגערעכנט — און אי אָנגעלאָדן מיט אַ שטאַרקער באַגייסטערנדיקער אידעע; עס מוז זיין געזעלשאַפטלעך.

ביים מייסטער גערסאָן האָבן אויך שפּעטער שטודירט די יידישע קינסטלער שמואל הירשענבערג, לעאָפּאָלד פּיליכאָווסקי א"א. אין אָט דער שול האָט זיך געלערנט טרעמבאַטש. אינעם אַלבום איז טאַקע פאַראַן טרעמבאַטשעס ערשטע צייגעניש, וואָס נעמט אַרום די לערנצייט פון אָנהייב ביזן סוף, ד"ה פון 5טן נאָוועמבער 1877 ביז 1880, אונטערגעשריבן דורך גערסאָנען. גערסאָן שטעלט אויס דעם יונגן קינסטלער אַ גוטע צייגעניש, טרעמבאַטש האָט זיך גוט אויפגעפירט, ער האָט אַרויסגעוויזן אַלגעמיינע גוטע פעאיקייטן אין דער צייכענונג, און ער האָט דערפאַר באַקומען זיין ערשטע באַלוינונג.

טרעמבאַטש פאָרט אין דעם זעלביקן יאָר 1880 שטודירן קיין קראָקע. עס העלפט אים אין דעם דער באַקאַנטער יידישער קינסטלער לעאָפּאָלד האָראָוויץ, וועלכער האָט אין די 80ער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט געלעבט אין קאָנגרעס־פּוילן, וואו ער איז געווען אַלס פּאָרטרעטיסט זייער באַליבט אין דער פּוילישער געזעלשאַפט. ער האָט אין וואַרשע פאַר טרעמבאַטשן באַזאָרגט אַ סטיפּענדיע כדי ער זאָל קאָנען שטודירן אין דער קראָקעווער קונסטשול, וועלכע האָט געהאַט זייער אַ גוטן נאָמען. אין שפּיץ פון דער קראָקעווער קונסטשול שטייט דעמאָלט דער באַרימטער יאַן מאַטעיקאָ. טרעמבאַטש ווערט אויפגענומען אין דעם קלאַס פון וו. לושקעוויטש, וועלכער האַלט זיך אויך ביים פּרינציפּ פון געבן גרינטלעך די פיזיאָנאָמיע פון אַ זאַך, אַזוי ווי גערסאָן. אויך דאָ האָט זיך טרעמבאַטש דערוואָרבן אָנערקענונג ביי זיינע פּראָפעסאָרן, אויך דאָ איז ער ביים לערנען געווען פלייסיק און ער באַקומט פאַר צייכענען אַנטיקע גיפּסן די מיינונג „אויסגעצייכנט". אינעם אַלבום איז פאַראַן די צייגעניש פון קראָקע, אונטערגעשריבן דורכן דירעקטאָר

יאן מאטעיקא און דורך די בארימטע קינסטלער־פראפעסארן ל. לעפלער, וולאדיסלאוו לושקעוויטש, פלאריאן צינק, איזידאר יאבלאנסקי און נאך איין נישט־לייענבארע אונטערשריפט פון א פראפעסאר. די דאטע פון דער צייגעניש איז דער 25טער יולי 1881. דערנאך פארט מאוריצי טרעמבאטש קיין מינכען אין דער דארטיקער קונסט־אקאדעמיע, וועלכע האט געהאט א גוזמאדיק איבערגעשאצטן נאמען. מען נעמט אים אויף אין דער אקאדעמיע אויפן סמך פון זיינע ארבעטן, וועלכע ער שטעלט צו. ער שטודירט ביי די פראפעסארן זייץ און ליצענמייער, און דא ווערט ער בארימט. מינכען באשענקט אים מיט אויסצייכענונגען און מיט מעדאלן. דער דירעקטאר פון דער דארטיקער אקאדעמיע איז געווען דער דעמאלט בארימטער קארל פאן פילאטי, ביי וועלכן עס האט מיט א פאר יאר פריער שטודירט מאוריצי גאטליב. אבער אין קעגנזאץ צו גאטליבן און שפעטער צו שמואל הירשענבערגן, וועלכע האבן טראץ דער



אויטאפארטרעט

מינכענער נעגאטיווער אטמאספער איינגעהאלטן זייער קינסטלערישע איינגנארטיקייט, הייבט אן טרעמבאטש צו ווערן מינכענעריש. עס ווירקט אויף אים די פאעזיע, די אנעקדאטן־מאלעריי, די סענטימענטאלישקייט, וועלכע זענען ביי אים גובר דעם רעאליסטישן פארמעסט. פון דעם נעגאטיוון איינפלוס פון מינכענער סטיל איז טרעמבאטשן שפעטער געווען שווער זיך צו באפרייען. אפילו זיינע יידישע טעמעס ווי „תשעה באב" און אנדערע זענען געמאלן אויפן מוסטער פון מינכענער סטיליזאציע. טרעמבאטש פאלט ארונטער, אויף א געוויסער צייט, אונטער דער השפעה פון דעם דייטשן קינסטלער עדווארד גריצנער, וועלכער האט זיך באקאנט געמאכט דורך זיינע בילדער וואס שילדערן דאס פרעסן און זויפן פון די גלחים און מאנאכן, אבער אין אידילישער און נישט אין קריטיש רעאליסטישער אויפפאסונג. אזא מאטיוו מאלט טרעמבאטש. ער שאפט א בילד וואס שטעלט פאר אין אידילישן סטיל צוויי גרייז גרויע, אבער בעל־גופישע מאנאכן, ווי זיי זיצן ביי א ווייס געדעקטן טיש און טרינקען. אבער אין דער זעלבער צייט שאפט טרעמבאטש זיינע בעסטע בילדער, וועלכע האבן אים געמאכט א גרויסן נאמען און אים אוועקגעשטעלט אין די פאדערשטע רייען פון די יידישע און פוילישע מאלער. דאס זענען די בארימטע בילדער: „דער בארמהארציקער סאמאריטאנער", „די רעקאנוואלעסצענטקע", „יאנקל דער צימבאליסט" (יאנקלס קאנצערט) און א רייע אנדערע, אנגעלאדענע מיט מענטשלעכן און געזעלשאפטלעכן אינהאלט, און ממילא שטייען זיי אויף א הויכן ניווא. בפרט איז בארימט געווארן דאס בילד „יאנקל דער צימבאליסט", געמאלט אויפן סמך פון דער באקאנטער פאטריאטישער סצענע אין אדאם מיצקעוויטשעס אומשטערבלעכן ווערק „פאן טאדעוש". עס פילט זיך די גרויסע ליבשאפט פון מחבר צו דער לירישער געשטאלט פון דעם ייד און פאטריאט יאנקל.

אבער באלד דערנאך קומט ווידער אן אידעישע ירידה. טרעמבאטש מאלט א גרויסע קאמפאזיציע „דער סאלוואטער בירקעלער אין מינכען". אין דעם בילד האט טרעמבאטש אידעאליזירט די מינכענער ביר זליפנדיקע בעלי־גופים. אויף א גרויסן לייוונט ברענגט טרעמבאטש ארויס א טומלדיקע מאסע פון ליידיקגייערס, וועלכע פארוויילן זיך און שעפן נחת אין הויף פון דער ברויעריי, ביי קריגלעך ביר. מיר זעען עלטערע און מיטליאריקע מענער און פרויען, פריילעכע און אנגעטרונקענע, צווישן זיי קעלנער און קעלנערקעס, מידע פון ארבעט, אין ווייסע כאלאטן. אט ווערט א קעלנערקע, מיט 3 קריגלעך ביר אין איין האנט, פארהאלטן פון אן אינטעליגענט אין א שווארץ קאפעלע און צוגעשניצט בערדעלע — א טיפ פון א דייטשן ראבינער — וועלכער טוט זי א קניפ אין באק. ביי דער פאס ביר שטייט אן אנגעהארעוועטער, מידער און פארדרימלטער ארבעטער. אבער דער קינסטלער אקצענטירט נישט די סאציאלע קעגנזאצן, וועלכע זענען פאראן ביים עולם. ער נעמט אלעמען אין גלייכער מאס ארום אונטער איין טלית פון פארהערלעכונג. און אט אזוי ווערן געשאפן דורך טרעמבאטשן ווייטערדיקע בילדער, וועלכע אידעאליזירן דאס יוסטע מיליע פון פוסטן בירגערלעכן לעבן.

אזוי ארום קומט ארויס די גאנצע קעגנזעצלעכקייט אין טרעמבאטשעס שאפן. פון איין זייט — אזוינע אינהאלט־אנגעזעטיקטע היסטארישע בילדער ווי „יאנקל צימבאליסט" א"א, פון דער צווייטער — די פסיידא־קלאסישע אינעם מינכערישן סטיל. נישט קיין וואונדער וואס אזעלכע בילדער ווי „די רעקאנוואלעסצענטקע", „יאנקל צימבאליסט", דער „סאמאריטאנער" זענען מיט אזוי פיל ווארעמקייט אויפגענומען געווארן ביי דער יידישער און פוילישער דעמאקראטישער אינטעליגענץ און זענען פאפולער געווארן צווישן די פאלקסטימלעכע שיכטן, בעת די אידעאליזאציע פון די זויפנדיקע מאנאכן און פון די בירטרינקער, די קאסמאפאליטישע און אינהאלטלאזע מאטיוון זיינע, האבן באקומען הילכיקע בראוואפאטשערייען ביי דער דייטשער בורזשואזער קריטיק.

מאוריצי טרעמבאטש איז געווען איינער פון די פאפולערסטע קינסטלער אין פוילן. ער האט דא דעביוטירט מיט א טעמאטיש בילד „ארעמע־לייט" אין יאר 1884 אין ווארשע, אין סאלאן פון קשיוואלד. 3 יאר שפעטער נעמט ער שוין אנטייל סיי אין ווארשע סיי אין קראקע מיט גרעסערע ארבעטן. מען לאדט טרעמבאטשן איין אנטיילצונעמען אין דער ערשטער אלגעמיינער קונסט־אויסשטעלונג אין קראקע. דער פרעזידענט פון דער אויסשטעלונג איז געווען יאן מאטעיקא. צו דער קאמיסיע פון די אראנזשירערס פון דער אויסשטעלונג האבן געהערט די באדייטנדיקסטע קינסטלער ווי יוליוש קאסאק, וולאדיסלאוו לושקעוויטש (דער ערשטער דירעקטאר פון דער נאציאנאלער קונסט־גאלעריע אין קראקע און פארזיצער פון דער קאמיסיע פאר קונסטפארשונג), די פראפעסארן שטאכעוויטש, לעוואנדאווסקי, טאמקעוויטש א"א. די אויסשטעלונג האט ארויסגערופן א גרויסע צאל פובליקאציעס, עס איז דערשינען א גרויסער קאטאלאג, און צווישן די ווייניקע רעפראדוקציעס איז אויך געווען א בילד פון מאוריצי טרעמבאטש.

אין דער ערשטער אלפוילישער קונסט־אויסשטעלונג אין דער „סוקעניצע" אין קראקע זענען געווען פארטרעטן די באוואוסטע יידישע קינסטלער שמעון בוכבינדער — מיט 2 בילדער, לעאפאלד

האראָוויטש — מיט 8 פּאָרטרעטן, מאוריצי גאָטליב (מיט זיין אויטאָפּאָרטרעט אלס אחשורוש, וואָס הענגט היינט אין דער קראָקעווער נאַציאָנאַלער גאַלעריע) און שמואל הירשענבערג, דער יונגער 22יאָריקער קינסטלער וועלכער האָט דעביוטירט מיט זיין בילד „די ישיבה". טרעמבאַטש האָט דאָ געוויזן זיין גרויסע קאָמפּאָזיציע „דער בארמהארציקער סאמאריטאַנער". פאר דעם 26יאָריקן טרעמבאַטש איז דער דערפאָלג געווען גאָר א גרויסער. זיין בילד דעראָבערט גרויס אָנערקענונג אין די קרייזן פון דער פוילישער אינטעליגענץ. עס רופט זיך ווארעם אָפּ די פּויזנער „געזעלשאַפט פון די פריינד פון וויסנשאַפט" און נאָמינירט טרעמבאַטשן פאר אירן א מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט. דער סעקרעטאר פון דער געזעלשאַפט בעזעסטיערניע־עגערשטערעם שרייבט צו טרעמבאַטשן א בריוו פול מיט אָנערקענונג. דער בריוו געפינט זיך אינעם אַלבום (דאטירט דעם 7טן יוני 1887).

פאר דעם אויסגעשטעלטן בילד „דער בארמהארציקער סאמאַריטאנער" באַקומט טרעמבאַטש אין קראָקע א מעדאל. דאָס זעלבע בילד ווערט אויסגעצייכנט אויף א קאָנקורס אין ווארשע אין „זאַכענטא". צום קינסטלערס בעסטע בילדער דארף מען פארעכענען „די רעקאָנוואלעסצענטקע". אין דער ארבעט האָט דער קינסטלער מיזדיק אויסגעמיטן אַלץ וואָס קאָן שטערן ביים אַקצענטירן דעם גרונטמאָטיוו: אין אַן ענג, קליין, צימערל זיצט אין בעט א יונג מיידל און לייענט א בריוו. אויפן קאָפּ האָט זי נאָך נאַסע טיכער. די גאַנצע אַטמאָספער דריקט אויס א פארלאָזענע אָרעמע קראַנקע. ביים בעט שטייט א טישעלע מיט א פלעשעלע מעדיצין, און אויף דער וואַנט — א פּאָר אָרעמע קלייניקייטן. דער קינסטלער האָט זיך ארייגעפילט אין דער שטימונג פון דער פארלאָזענער אָרעמער קראַנקער.

ווי געזאָגט, האָבן די דאָזיקע אינהאלטפולע בילדער געמאכט טרעמבאַטשן א שם ביי דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ. איינער פון די אויסדרוקן פון אָט דער אָנערקענונג איז די פאראינטערעסירונג פון דער גרויסער דיכטערין מאריא קאָנאָפּניצקא מיטן יידישן קינסטלער. די דיכטערין האָט דעמאָלט מיטגעאַרבעט אין „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני", וועלכער איז אַרויסגעגאַנגען אין ווארשע. זי בעט טאַקע אין א בריוו טרעמבאַטשן (קאָנאָפּניצקא האָט דעמאָלט פּונקט ווי טרעמבאַטש געוואוינט אין מינכען), ער זאָל איר אָנגעבן דעם טאָג און די שעה וואָס זי קאָן אים באַזוכן, ווייל זי האָט זיך מתחייב געווען אָנצושרייבן פאר דעם זשורנאל א ריי ארטיקלען וועגן די פּוילישע קינסטלער אין מינכען. אינעם אַלבום געפינט זיך אויך די אָפּהאַנדלונג וועלכע מאריא קאָנאָפּניצקא האָט פארעפנטלעכט אין דעם „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני" אונטער איר פּסיידאָנים „מאריוס". אין דער אָפּהאַנדלונג לויבט זי זייער שטאַרק די ארבעטן פון מאוריצי טרעמבאַטש.

טרעמבאַטש האָט — ווי א סך פּוילישע און יידיש־פּוילישע קינסטלער פון זיין צייט — געמאָלט מיצקעוויטשן. מאָלן מיצקעוויטשן איז געווען — באַזונדערס אין יענע צייטן פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג — א דעמאָנסטראַציע פון פּאַטריאָטיזם און פּראָגרעסיוויקייט. אינעם ווארשעווער „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני" פון דער צווייטער העלפט פון 1895 (די גאַנצע דאַטע קאָן מען, ליידער, אויפן אויסשניט נישט דעשיפרירן) ווערט וועגן דעם געשריבן אין אַן ארטיקל אונטערן נאָמען „פּאָרטרעטן פון מיצקעוויטש". אָט וואָס: „דער באַרימטער קינסטלער אַנדריאָלי האָט זיך פארמאָסטן צו מאָלן פּאָרטרעטן פון די באַדייטנדיקסטע פּוילישע שעפער, ווי מיצקעוויטש, קראַשעווסקי, מאַטעיקאָ, מאָניושקאָ, פרעדראָ, שניאַדעצקי, אָבער דער טויט האָט צו זיינע פּלענער געמאַכט א סוף. עס איז אים געלונגען צו שאַפן בלויז דעם פּאָרטרעט פון מיצקעוויטשן. פון צווישן די פארשידענע מיצקעוויטש־פּאָרטרעטן דארף מען האַלטן האָראָוויצעס פּאָרטרעט פאר איינעם פון די בעסטע. האָראָוויץ האָט זיך באַמיט ווירקלעך איבערצוגעבן די נאַטור, ד"ה ער האָט זיך באַמיט אַז דאָס פּנים פון מייסטער אַדאַם זאָל זיין קודם־כל ענלעך צו די מאַטעריאַלן מיט וועלכע ער האָט זיך באַנוצט... די אַנדערע קינסטלער, טעפּאַ, טרעמבאַטש און אַנדריאָלי האָבן נישט נאָר געהאַט, אין דער ערשטער ריי, אין זין איבערצוגעבן די פיזישע ענלעכקייט, זיי האָבן זיך באַמיט צו געבן אין דעם פּאָרטרעט די אָפּשפּיגלונג פון פּסיכישן געמיט ביים פּאָעט. דער דאָמינירנדיקער עלעמענט ביי טרעמבאַטשן איז ווייטיק, טיפער ווייטיק, אַן אַנדערער ווי דער געוויינלעך פיזישער. גאַנץ אַנדערש זענען די פּאָרטרעטן פון טעפּאַ און אַנדריאָלי. זיי טראָגן אין זיך די שטימונג פון רו, פון פּאָעטישער פארקלערונג, זיי דריקן אויס ערנסטקייט, דערהויבנקייט, חשיבות".

אין דעם שוואונגפעריאָד פון זיין שאַפן האָט טרעמבאַטש באַקומען — ווי עס גיט איבער דער „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני" — 2 זילבערנע מעדאַלן. פאר דער „רעקאָנוואַלעסצענטקע" באַקומט ער אויף דער פּאַריזער אויסשטעלונג פון 1889 א בראָנדזענעם מעדאַל און פאַרן בילד „דער בארמהארציקער סאמאריטאַנער" אויף דער וועלט־אויסשטעלונג אין סאַן־פראַנציסקאָ אין 1894 — א גאָלדענעם מעדאַל.

אָבער דער וועלט באַרימטער קינסטלער ווערט לחלוטין נישט געשטיצט דורך די בורזשואַזע יידישע ספערעס און אַפּשיטאַ אַז נישט דורך דער פּוילישער און דייטשער בורזשואַזיע פון דעמאָלטיקן לאָדזש, וואו ער האָט זיך באַזעצט אין 1909. זיי ווייזן אַרויס א פולשטענדיקע גלייכגילטיקייט צו אַזאַ גרויסן טאַלאַנט ווי מאוריצי טרעמבאַטש. די דעמאָקראַטישע קונסט־קריטיקער אין פּוילן האָבן טאַקע נישט איין מאָל געמאַכט אויפמערקזאַם אויף אָט דער באַציאונג. אין איינעם א פּוילישן צייטונג־אויסשניט, וואָס געפינט זיך אין אַלבום, לייענען מיר אונטערן טיטל „דלאַטשעגאָ" (פאר וואָס) די ווייטערדיקע ביטערע ווערטער: „דער קינסטלער טרעמבאַטש, וועלכן מען האָט באַערט פיר מאָל פאר זיינע ארבעטן מיט מעדאַלן אין אויסלאַנד, האָט איינגעאָרדנט צו זיין 30יאָריקן שאַפונג־יובילעי אַן אויסשטעלונג פון זיינע בילדער. דער ה' טרעמבאַטש איז א קינסטלער פון א נישט־דורכשניטלעכער מאָס! ער מאָלט גוט, ער מאָלט א סך פון לעבן פון די יידן און אויך אייגנאַרטיקע פּייזאַזשן".

איינאָרדענענדיק די אויסשטעלונג האָט טרעמבאַטש זיך באַזונדער גערעכנט מיט די רייכע לאָדזשער פאַבריקאַנטן, וועלכע וואָלטן געקאָנט אָן שום שאָדן פאר זייער פארמעגן עפּעס ביישטייערן פאַרן קינסטלער. דערווייל זענען די פאַבריקאַנטן נישט געקומען... פאר וואָס? האָט זיך שוין דער קינסטלער א סך דערוואָרבן אין די 30 יאָר?"

כאַראַקטעריסטיש פאר דער באַציאונג פון דער בורזשואַזיע צו קונסט איז דער פאַקט וואָס אַנדזשעי מאַרעק האָט איבערגעגעבן אין „איזראַעליטאַ" פון יאָר 1903: א רייכער ייד האָט געקויפט ביי א יידישן קינסטלער א בילד „א יידישער הענדלער", אָבער ער האָט געמוזט דאָס בילד דעם קינסטלער צוריק אָפּגעבן, ווייל זיין פרוי האָט נישט געוואָלט דולדן אַז אין איר סאַלאָן זאָל הענגען א בילד פון א יידישן קינסטלער. חוץ דער גלייכגילטיקייט פון דער יידישער בורזשואַזער געזעלשאַפט האָט גענומען ווירקן קעגן טרעמבאַטשן נאָך א צווייטער פאַקטאָר: דער אַנטיסעמיטיזם אין דער פּוילישער בורזשואַזער געזעלשאַפט. אין יאָר 1902 ווערן זיינע ארבעטן אויף דער אויסשטעלונג אין ווארשע אויף א בייזוויליקן אופן אָראָפּגעריסן דורך דעם „קוריער ווארשאַווסקי". דאָס האָט אָבער אַרויסגערופן א רעאַקציע ביי א ריי דעמאָקראַטיש־געשטימטע פּוילישע קינסטלער, ווי: אַפּאָלאָניוש קענדזשערסקי, טשעסלאַוו פּאַנסקי, סטאַניסלאַווא פּיאַלקאָווסקאַ, וועלכע סאָלידאַריזירן זיך מיטן יידישן מאָלער און שיקן אים אַריין דעם ווייטערדיקן בריוו (ער געפינט זיך אינעם אַלבום):

„מיר טיילן אַבסאָלוט נישט די מיינונג פון דער לעצטער קריטיק פון „קוריער ווארשאַווסקי" וועגן אייער אויסשטעלונג, בפרט בנוגע די פארגלייכן וואָס מען האָט דאָרט באַנוצט, און מיר ווילן דאָס אייך ברענגען צום אויסדרוק צוזאַמען מיט א וואונטש, איר זאָלט זיך די קריטיק נישט נעמען איבעריק צום הארצן, איר זאָלט ארבעטן מיט ברען, וואָס איז שטענדיק געווען פאר אייך כאַראַקטעריסטיש.

„אייער אַלטער קאָלעגע א. קענדזשערסקי,
טשעסלאַוו פּאַנסקי,
סטאַניסלאַווא פּיאַלקאָווסקאַ
פערטער יאַנואַר 1903"

עס קומען אָן די רעאַקציע־יאָרן פון נאָך 1905, און דער אַנטיסעמיטיזם אין די פּוילישע בורזשואַזע קרייזן וואַקסט. דעם אַנטיסעמיטיזם הייבן אָן די יידישע קינסטלער אַלץ מער צו שפּירן. טרעמבאַטשן „פאַרגעסט מען" אַלץ אָפטער איינצולאַדן אויף פּוילישע אויסשטעלונגען. נאָר אין קליין־פּוילן באַגעגענען מיר נאָך זיינע אַרבעטן אויף אויסשטעלונגען. אין יאָר 1906 שטעלט ער אויס אין קראָקע אין איינעם מיט סטאַניסלאַוו וויספּיאַנסקי, וולאַטימיסל האָפּמאַן און קאַנדינסקי. ער באַקומט אַ גוטע אָפּשאַצונג אין דער קראָקעווער „נאָוואַ רעפאָרמאַ", דערנאָך שטעלט ער אויס אין מאַרץ 1907 צוזאַמען מיטן קינסטלער געאָרג מערקעל אין לוואָוו. מיר לייענען וועגן דער אויסשטעלונג אין דער וואָכנשריפט „ווסכוד" פון 1907.3.29 אַט וואָס:

„טרעמבאַטש איז אַ קינסטלער מיט וועלכן מען מוז זיך, אַגב, רעכענען, אָבער עס פעלט אין זיינע אַרבעטן אַ העכערער פאַרמעסט, די ערנסטקייט און אויפריכטיקייט צו זיך אַליין, דאָס שטרעבן צו באַהאַנדלען די נייע פּראָבלעמען וואָס פירן ערשט דערצו אַז מען אינטערעסירט זיך מיט די קינסטלער. מען קאָן נישט לייקענען אַז די אַרויסגעשטעלטע לאַנדשאַפטן, זשאַנערבילד, פּאָרטרעטן, זענען געמאַכט געוואָרן סימפּאַטיש און אָנגענעם. אָבער טאַקע די סימפּאַטישקייט איז פאַר זיי באַדראָענדיק. דער קינסטלער וואָס האָט זיי געשאַפן רעכנט זיך מיט דעם גוסט פון דער געזעלשאַפט (געמיינט די בירגערלעכע געזעלשאַפט — י. ס.), און דאָס איז זייער שעדלעך".

פונעם יאָר 1911 אָן נעמט שוין טרעמבאַטש אָנטייל אין אויסשליסלעך יידישע אויסשטעלונגען. אין דער גאַלעריע לוקסעמבורג אין וואַרשע איז געעפנט געוואָרן די דריטע אויסשטעלונג אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען צוויי סקולפּטאָרן: אליהו גינזבורג און אברהם אייזענבערג, און די מאָלער טרעמבאַטש און יעקב ווינגלעז. כאַראַקטעריזירנדיק טרעמבאַטשעס שאַפונגען שרייבט דער רעצענזענט פון „היינט" אַט וואָס:

„דער מאָלער טרעמבאַטש קוקט מיט פאַרחלומטע בליקן אויף די קעפּ פון דער פאַרגאַנגענהייט און אין דער זעלבער פאַרחלומטקייט זעט ער אויך די קוזמירער געסלעך, הייזלעך און חורבות".

ווי מיר זעען, איז טרעמבאַטש ווידער גוט און ווירקנדיק אין די מאָטיוון אין וועלכע ער דערנענטערט זיך צו זיין היים. אָדער דער שעדלעכער איינפלוס פון דער מינכענער פּסידאָקלאַסיק שטערט אים אין אַ ריי בילדער אויף יידיש־היסטאָרישער טעמאַטיק. פּונקט ווי ער איז ערלעך און ווירקנדיק אין „יאַנקל צימבאַליסט", צי אין די קוזמירער היימישע מאָטיוון, אַזוי פאַלט ער אַדורך אין זיין בילד „תשעה באב". צו אַט דער טעמע, וועלכע געהערט צו זיין מינכענער פּעריאָד, איז ער געוויס אינספּירירט געוואָרן דורך דעם דייטש־יידישן קינסטלער עדוואַרד בענדעמאַן (1811—1889), וואָס זיינע ביבלישע מאָטיוון „די טרויערנדיקע יידן פון בבל" און „ירמיהו ביי די חורבות פון ירושלים" האָבן אין זיין צייט געמאַכט אַ גרויסן רושם. בענדעמאַן האָט אָבער די דאָזיקע בילדער געמאָלט מיט אויסערגעוויינלעכער קלאַסישער פּרעציזקייט. בענדעמאַן האָט זיך אין גאַנצן אַריינגעלעבט אין דער טעמע. דערקעגן־זשע ביי טרעמבאַטשן איז אַרויסגעקומען אַ פאַנטאַסטיש־פּאַטעטיש בילד, וואָס ווירקט נישט און רופט נישט אַרויס קיין איבערלעבונג, עס איז אין טרעמבאַטשעס „תשעה באב" פאַראַן אַ סך טעאַטראַלישס און פאַלש מיסטישס, אויף אַזוי ווייט אַז די דאָזיקע היסטאָרישע טעמע קומט אַרויס ערטערווייז ביי אים גראָטעסק.

אין דעם לאָדזשער פּעריאָד — נאָכן צוריקקומען פון אויסלאַנד — דערנענטערט זיך טרעמבאַטש אַלץ מער צו פאָלקסטימלעכער יידישער טעמאַטיק. ער מאָלט יידישע פאָלקסטיפּן, שטייגערלעבן, פּאָרטרעטן. אויך דאָ קומט צום אויסדרוק די סתירהדיקייט אינעם קינסטלערסטיל. עס ראַנגלט זיך ביי אים רעאַליזם מיט נאַטוראַליזם. צו יענער צייט געהערן אַ ריי פּרעכטיקע פּאָרטרעטן — אין שטייגער פון בילדקונסט פון 19טן י"ה. אַ שטאַרקן איינדרוק מאַכן זיינע קינדער־פּאָרטרעטן, למשל די צוויי קינדער פון די גאַרטענבערגס, וועלכע ער מאָלט מיט אַ רייכער דראַפּעריע, ווי אַן אמתדיק קלאַסיש בילד.

אין דעם לאָדזשער פּעריאָד, וועלכער פאַלט אויס אין די יאָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, דערפילט טרעמבאַטש די צרות פון די עקאָנאָמישע קריזיסן און פון אַנטיסעמיטיזם. נישט געקוקט אויף דעם וואָס געוויסע קונסט־מעצענאַטן דערמאָנען זיך פון צייט צו צייט וועגן אים, פאַרגעסט מען אָבער וועגן דעם אַ מאָל אַזוי פּאָפּולערן קינסטלער אַלץ מער. אין יאָר 1933 לייענען מיר אין דער כראָניק פונעם זשורנאַל „שטוקי פּיענקנע", אונטערן קעפּל „אַ טרויעריקער גורל פון אַ קינסטלער", אַט וואָס „דער פאַר דער שטאָט לאָדזש פאַרדינסטפולער קינסטלער מאַוריצי טרעמבאַטש, אַ מענטש אַ באַיאָרנטער, לעבט אין גאָר שווערע באַדינגונגען. מען מאַטערט אים מיט פּראָצעסן פאַר נישט באַצאָלן דירה־געלט, מען דראָט אים מיט עקסמיסיעס, און צו דעם אַלעם שלעכטן פאַרלאַנגט מען נאָך פון קינסטלער נישט ווייניקער, ווי אַז ער זאָל אָפּגעבן אַן עקזאַמען פון מאָלעריי".

אַט צו וואָס עס איז דערגאַנגען אין דער פאַרסמטער אַטמאָספער פון גאַנצן בייז דורך דער סאַנאַציע פּאָשיזירטן לעבן אין פּוילן. אַ קינסטלער מיט אַ וועלטנאָמען ווערט געצוואונגען זיך צו שטעלן צום עקזאַמען פון מאָלעריי בלויז דערפאַר ווייל ער איז אַ ייד! און עס איז קלאָר אַז ווען די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון לאָדזש באַשטימט אין 1932 אַ פּרעמיע פאַר קונסט און עס ווערט דורך די קינסטלערקרייזן אַרויסגערוקט דער סעניאָר פון קינסטלערישן לאָדזש טרעמבאַטש, ווערט זיין קאַנדידאַטור אַראָפּגענומען און די פּרעמיע ווערט צוגעטיילט אַ דריטראַנגיקן מאָלער, אַ געוויסן וולאַדיסלאַוו שטשעמינסקי.

וועגן דעם סקאַנדאַל מיט דער פּרעמיע האָט געשריבן דעמאָלט דער זשורנאַל „שוויאַט": „דער זיכערסטער באַוואָריט וואָלט גע־

יאַנקל צימבאַליסט

דאַרפט זיין דער עלטסטער אין יאָרן און אין נויט, דער אַ מאָל אין גאַנץ פּוילן באַקאַנטער און געשעצטער קינסטלער, וועלכער האָט אויסגעשטעלט אין מינכען, פּאַריז, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דער פריינד און קאָלעגע פון וויערוש קאָוואַלסקי, בראַנד, וויעוויורסקי, מיט איין וואָרט — מאַוריצי טרעמבאַטש".

אַ ריי פּוילישע מאָלער, פריינד פונעם קינסטלער, ווענדן זיך מיט אַ בריוו צום דעמאָלטיקן פּרעזידענט מאָשטשיצקי, מען זאָל באַשטימען דעם אַלטן קראַנקן טרעמבאַטש אַ סטיפּענדיע פון נעבעכדיקע 200 זלאָטעס אַ חודש. די ווענדונג איז בייגעלייגט געוואָרן אין פעברואַר 1933 און קיין שום ענטפער איז נישט געקומען, ד"ה — די ביטע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. מיר געפינען אויך אין דעם אַלבום אַ ביטע פון טרעמבאַטשעס טאָכטער, וועלכע ווענדט זיך אין 1929 צום מאַגיסטראַט, מען זאָל איר געבן אַ באַפרייטע שטעלע פון אַ מאַשין־שרייבערין. אָבער אויך אויף דער ביטע איז קיין תשובה נישט געגעבן געוואָרן.

דער ערד מיט אַ מיידעלע, נישט אַ סך ייִנגער פון אים. מען זעט די צעריסענע שיך ביים דרוטשאַזש, ער ווייזט דעם פאַרוויינטן קינד אויף אַ גרויסן לאָך אין טאָפּ.

אַ סך איינצל־געשטאַלטן פון פרויען, אַ ריי מאָמענט־באַאָבאַכטונגען פון גאַס, פון יריד, אויף דער פּליאַזשע, פון זיין קוזמיר, פערד און וועגעלעך, טרעגער, בעטלער, אַלטע און קראַנקע. דאָס אַלץ האָט סקיצן, פונאַנדערגעבויטע אין גרעסערע בילדער מיט אַ טיפערן אינהאַלט. צו די שטאַרקע זאַכן זיינע געהערט אויך „די מאַרטיראָלאָגיע", וואָס שטעלט פאָר אַ טויטן נאַקעטן מענטש מיט אַ שטאַרק פאַרווייטיקט פּנים. ער ליגט, אויסגעשטרעקט אויף דעם רוקן, אויף דער ערד און לעבן אים ליגט אַ געפאַלדעוועט שטיק ליילעך. דאָס בילד איז געמאָלט אין קלאַסישן סטיל און איז אויך אַ קלאַסישער אויסדרוק פון אַ טאַלאַנט פון אַן אומגליקלעכן קינסטלער אין דער פאַרשאָלטענער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג (דאָס בילד געפינט זיך אינעם לאָדזשער מוזיי פאַר געשיכטע און קונסט). טרעמבאַטש האָט



אַ יונגער דרוטשאַזש

אַ קראַנקער און נויטליידנדיקער, מיט אַן אייביקער דראָונג פון עקסמיסיע, ביי דער פולשטענדיקער גלייכגילטיקייט פון דער ייִדישער בורזשואַזיע, אַרומגערינגלט מיט דער אַנטיסעמיטישער באַיקאָט־באַציאונג פון דער סאַנאַציע — אין אַזאַ לאַגע האָט זיך געפונען דער גרויסער קינסטלער מאַוריצי טרעמבאַטש ביים אַריינמאַרשירן פון די היטלעריסטישע חיילות קיין לאָדזש. דאָ האָט ער שוין לאַנג נישט אָנגעטריבן. אין 1941 גייט ער אויס פון הונגער און מידקייט.

ווען מיר ווילן היינט אָפּשאַצן זיין קינסטלערישן סך־הכל, דאַרף מען זאָגן אַז נישט געקוקט אויף די שעדלעכע השפּעות און פלאַכע בילדער, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט, בלייבן אַ סך פון זיינע שאַפונגען אַ קנין פון גוטער קונסט, ווי דער פּאַטריאָטישער „יאַנקל צימבאַליסט" און די גרויסע מענטשלעכע ווערק „די רעקאָנוואַלעסצענטקע" און אַנדערע. מען דאַרף פּאָזיטיוו אָפּשאַצן אַזעלכע שאַפונגען, ווי „אַ פויער" (געווען אין באַזיץ פון פּראָפ' זייץ), „אַן אַלטע פרוי מיט 2 קויבערלעך אויף דער ערד" (זי ציילט די לעצטע גראָשנס וואָס זענען איר געבליבן), „אַן עפּל־הענדלער מיט אַ קויבער אונטער דעם אָרעם" (וואָס איז געווען אין באַזיץ פון היפּאָליט וואַוועלבערג) „אַ יונגער דרוטשאַזש" (וואָס זיצט אויף

נישט פאַרשטאַנען אַז אמתדיקע קונסט מוז שטיין אין קאַמף קעגן די וועלכע ברענגען נויט, דערנידערונג און פאַרניכטונג פון מענטשן און קינסטלער. אָבער פון צייט צו צייט איז גובר דער אמתער טאַלאַנט, און טרעמבאַטש שאַפט בונטאַרישע און רעאַליסטישע בילדער. כאַראַקטעריסטיש איז אַז טרעמבאַטש האָט אַרויסגעוויזן טאַלאַנט אויך אין דער סקולפּטורקונסט. אָבער צוליב אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע איז דער קינסטלער קאָנטוזירט געוואָרן אַזוי אַז ער האָט געמוזט אויפגעבן די סקולפּטאָרישע אַרבעט, וועלכע איז פאַרבונדן מיט גרויסער קראַפט־אָנשטרענגונג.

ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס לאָדזשער געטאָ איז טרעמבאַטש אהין אַריינגעשטויסן געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע ייִדן. וועגן דעם לעבן פון דעם קינסטלער און זיין פאַמיליע אין די געטאָ־באַדינגונגען האָט אונדז אינפאָרמירט די קינסטלערין שרה גליקסמאַן, וועלכע האָט איבערגעלעבט די אָקופּאַציע אין לאָדזשער געטאָ. טרעמבאַטשעס צווייטע פרוי, וואָס איז געווען מיט עטלעכע צוואַנציק יאָר ייִנגער פונעם קינסטלער, האָט געאַרבעט אין שניידער־רעסאָרט אין געטאָ. וועגן איר גורל ווי אויך פון זייער זון, וואָס איז אַלט געווען 14 יאָר, קאָן מען נישט אָנגעבן קיין גענויע ידיעות. טרעמבאַטש האָט געליטן אין געטאָ גרויס נויט, ער איז אַלץ מער

אראָפּגעפאַלן פון די כוחות. געשטאָרבן איז ער דעם 19טן יאַנואַר 1941 אויף לימאַנאָווסקע־גאַס נומ׳ 19. באַגראָבן איז ער געוואָרן דעם 30טן יאַנואַר 1941 אויפן יידישן בית־עולם, קוואַרטיר לינקס, 8טע גאַס, קבר 490. לויט דער קאַרטאָטעקע פון דער חברה־קדישא טראָגט דער טויטן־צעטל דעם נומער 1138.

א פּאָר ווערטער וועגן דעם קינסטלערס משפחה:

איינע פון זיינע טעכטער, בראָניסלאַווא, וועלכע איז געווען א פּיאַניסטין, האָט איבערגעלאָזט אינעם אַלבום אַן אַרבעט וועגן מוזיק־טעאָריע, 13 זייטן גרויספאָרמאַט, מיט נאָטן. מאוריצי האָט געהאַט א ברודער, בערנאַרד, וועלכער האָט א מאָל אויך געמאָלט. אויך זיין ברודערס זון, טאַדעוש, איז געווען א מאָלער. ער איז אומגעקומען אין ווארשעווער געטאָ.

---

דאָס לעבן און שאַפן פון מאוריצי טרעמבאַטש איז א בולטע אילוסטראַציע פאַר דער טראַגישער לאַגע פון א טאַלאַנטירטן קינסטלער אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, וואו דער טאַלאַנט ווערט פאַרקריפּלט, אויסגעלענקט, אין פאַלשע, אַנטיקינסטלערישע ריכטונגען, און וואו דער קינסטלער קאָן זיך נישט אויסלעבן נישט שעפעריש, נישט מאַטעריעל. מאוריצי טרעמבאַטש, דער סעניאָר פון די יידישע מאָלער אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן, דער קינסטלער וואָס האָט מיט זיינע וואָרצלען געשטעקט אין פּוילישן און יידיש־פּוילישן באָדן און וואָס האָט געליטן פון דער אַנטיסעמיטישער דיסקרימינאַציע, האָט נישט דערלעבט צו די גרויסע טעג פון באַפרייאונג. ער איז פאַרשניטן געוואָרן צוזאַמען מיט דעם גרעסטן טייל פון זיין פאָלק. א טייל פון זיינע שילערס האָט דערלעבט די נייע צייטן אינעם פאָלקס־דעמאָקראַטישן פּוילן, וואו עס ווערט געגעבן דעם יידישן קינסטלער, צו גלייך מיטן פּוילישן, די פולע מעגלעכקייט צו שאַפן פאַרן פאָלק און זיך אויסצולעבן שעפעריש אָן מאַטעריעלער זאָרג. אָפּשאַצנדיק קריטיש די נעגאַטיווע עלעמענטן אין טרעמבאַטשעס קונסט נעמט אָבער איבער די באַפרייטע קונסט אין נייעם פּוילן די ירושה פון טרעמבאַטשעס פּאָזיטיווע ווערטן, וועלכע גייען אַריין אין דער שאַצקאַמער פון דער קונסט פון די באַפרייטע פעלקער, וואָס בויען דעם סאָציאַליזם.

אַרויסגענומען פון „בלעטער פאַר געשיכטע" אַפּריל־יוני 1951, באַנד 6, ה׳ 2 יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פּוילן.



א ביסל רכילות...

משה טירמאַן

# דער גרויסער אַרעסט פֿון די ייִדישע דרוקער־אַרבעטער אין וואַרשע

די יאָרן פֿון 1910 ביזן אויסבראָך פֿונעם ערשטן גרויסן וועלט־קריג אין 1914 ווערן גערעכנט אין דער אַרבעטער געשיכטע פֿאַר יאָרן פֿון אויפֿלעבונג, אין וועלכע די אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן האָט זיך אָפּגעשאָקלט פֿון דער אַפּאַטיע נאָך די גרויסע קלעפּ, וואָס זי האָט באַקומען אין די רעאַקציע־יאָרן 1906—1909. נישט געקוקט דערויף, וואָס די פֿינצטערע רעאַקציע אינעם צאַרישן רוסלאַנד האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן און די אַרבעטער־באַוועגונג איז נאָך שטאַרק גערודפֿט געוואָרן, האָבן פֿון דעסט וועגן אין פֿאַרשידענע פּונקטן פֿון לאַנד און אויך צווישן די ייִדישע דרוקער־אַרבעטער אין וואַרשע אָנגעהויבן זיך צו באַווײַזן סימנים פֿון אַן אויפֿשוווּנג און פֿון אָפּשאָקלען זיך פֿון דער אַפּאַטיע און גלײַכגילטיקייט צום פֿאַראַסטן צאַרישן רעזשים.

די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אָנגעהויבן צוריקצושטעלן זייערע אַקטיוון און נײַע ווינטן האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן אויף דער אַרבעטער־גאַס.

אין יענער צײַט האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען אין פּעטערבורג (הײַנט לענינגראַד) אַ ייִדישע וועכנטלעכע צײַטונג „די צײַט“. אין איינעם פֿון די נומערן פֿון „די צײַט“ איז געווען אָפּגעדרוקט אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון וואַרשע, אונטערגעשריבן פֿון משה זעצער, אין וועלכער ער האָט גערופֿן די ייִדישע דרוקער־אַרבעטער אין וואַרשע זיך צו אָרגאַניזירן, בכדי אויסצוקעמפֿן בעסערע עקאָנאָמישע אַרבעט־באַדינגונגען.

ווײַזט אויס, אַז דער באָדן בײַ די ייִדישע דרוקער־אַרבעטער איז שוין לאַנג געווען דורכגעאַקערט און צוגעגרייט פֿאַר אָרגאַניזאַציע, און דער רוף פֿון דער קאָרעספּאָנדענץ האָט לאַנג אויף זיך נישט געלאָזט וואַרטן, בכדי אַזאַ אָרגאַניזאַציע צו שאַפֿן.

ס'האָבן זיך גלײַך אָפּגערופֿן די אַלטע חברים, וועלכע זענען נאָך געווען טעטיק אין 5טן יאָר: ברילִיאַנטשטיין, פֿישמאַן, אַווּרעמל בעלפֿער און ישראל דוויד הענדלער, און מיט זיי אויך אַ גאַנצע חברה יונגע, וועלכע זענען זיך צונויפֿגעקומען בײַ הענדלערן אין שטוב אויף אַ גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג פֿון אַן אומלעגאַלן דרוקער־פֿאַראיין. די פֿאַרזאַמלונג האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו אַרבעטן אין עטלעכע ריכטונגען: ערשטנס; אויסטיילן פֿון זיך אַ קאָמיסיע פֿון עטלעכע אָנגעזעענע דרוקערס, וועלכן זאָלן אויסאַרבעטן אַ סטאַטוט פֿון אַ לעגאַלן דרוקער־פֿאַראיין און זיך באַמיִען אים צו לעגאַליזירן בײַ דער צאַרישער מאַכט; און צווייטנס, שאַפֿן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל דערווײַל אָרגאַניזירן די דרוקער־מאַסן אויף אַן אומלעגאַלן אופֿן.

די קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך געזאָלט באַמיִען אויפֿן לעגאַלן וועג אויפֿצושטעלן דעם דרוקער־פֿאַראיין, האָט שנעל פֿאַרענדיקט איר אַרבעט. זי האָט נאָכגעקאָפּירט אַ סטאַטוט פֿון אַ לעגאַלן פֿאַראיין, האָט דאָס ספּעציפֿיש־דרוקערישע אויסגעבאָרגט בײַם פּוילישן דרוקער־פֿאַראיין, וועלכע האָט דעמאָלט עקסיסטירט לעגאַל, און האָט דעם סטאַטוט אַרײַנגעגעבן אין דער קאַנצעלאַריע פֿונעם גענעראַל־גובערנאַטאָר מיט דער ביטע אים צו לעגאַליזירן. פֿאַרשטייט זיך, אַז דערוואַרטן זיך אויף דער באַשטעטיקונג פֿון דעם לעגאַלן סטאַטוט איז געווען צו לאַנג, ווײַל ער האָט אין גובערנאַטאָרס קאַנצעלאַריע געקאָנט אָפּליגן יאָרן און קיין ענטפֿער זאָל נישט קומען.

די שווערקייט פֿון דער אַרבעט איז דעריבער איבערגעטראָגן געוואָרן אויף דער אומלעגאַלער טעטיקייט. עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ דרוקער־בערזע, ווו די מיטגלידער פֿונעם אומלעגאַלן דרוקער־פֿאַראיין פֿלעגן זיך צונויפֿקומען, תחילת איין מאָל אין דער וואָך, דערנאָך מערערע מאָל, אויף לעשנע־גאַס לענגויס פֿון קאַרמעליצקע ביז פּשעיאַזד. שפּאַצירנדיק אויף דעם אָפּשניט אַהין און צוריק האָט מען פֿאַרגעשטעלט די דרוקערס איינעם פֿאַרן צווייטן, געכאַפּט מיט זיי אַ שמועס וועגן דער לאַגע אין די דרוקערײַען ווו זיי אַרבעטן, וועגן זייערע נויטן און איינגעקאַסירט בײַ זיי מיטגליד־אָפּצאָל אויף אַ בלאָק מיט אַ שטעמפּל פֿונעם אומלעגאַלן דרוקער־פֿאַראיין.

די צאָל דרוקערס, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו קומען אויף דער בערזע, איז געוואַקסן מיט יעדער וואָך. איבערהויפּט זענען געקומען די אַרבעטער פֿון אַקסידענץ־דרוקערײַען, די יונגטלעכע זעצערס און מאַשין־אַרבעטער, פּעדראַלזשעס פֿון דער לערניוגנט. דער עלטערער דור איז זעלטן געקומען, פּשוט דערפֿאַר ווײַל פֿאַר זיי איז דאָס זאַמלען זיך אויף דער גאַס נישט געווען באַקוועם. פֿון דעסט וועגן האָבן אַ סך פֿון זיי געהאַט זייער אַ וואַרעמע באַציִונג צום אומלעגאַלן דרוקער־פֿאַראיין און האָבן מיט פֿאַרגעניגן געצאָלט די חודשלעכע בײַשטײַערונגען, ווען מען איז געקומען בײַ זיי אויפֿמאָנען אין דער דרוקערײַ. צו די צײַטונגס־אַרבעטער האָבן מיר דעמאָלט קיין צוטריט נישט געהאַט. דער דאָזיקער עלעמענט — די חסידישע ייִדן — האָט זיך אָפּגעשאָקלט פֿון יעדן מין „קראַמאָלע“ און נישט געוואָלט האָבן קיין מגע־ומשא מיט די „ציצעליסטן“.

זייער אָפּט האָט דער אומלעגאַלער דרוקער־פֿאַראיין אײַנגעאָרדנט מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען פֿון זײַנע מיטגלידער, איבערשיקנדיק די חברים פֿון די בערזע אויף געהיימע אַדרעסן, ווו אויף אַ בוידעם־שטיבל אָדער אין אַ קעלער האָבן זיך פֿאַרזאַמלט עטלעכע צענדליק דרוקער־אַרבעטער און עס איז אַרויסגעטראָטן פֿאַר זיי אַ רעדנער פֿון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי מיט אַ רעפֿעראַט וועגן אָרגאַניזאַציע אָדער פּאָליטישע איבערזיכטן.

די בערזעס זענען בײַם דעמאָלטיקן טאָג געווען דער רעזערוואַר פֿון וואַנען די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן ווערבירט פֿאַר זיך אָנהענגערס, געקליבן פֿון דאָרט מענטשן און געשאַפֿן פּאַרטייקרײַזן. אַזעלכע פּאַרטייקרײַזן פֿון דרוקערס האָבן דעמאָלט געשאַפֿן דער „בונד“ און די „פּ"ס־לעוויצע“. אָבער דאָס איז פֿאָרגעקומען אין געהיים, איינער האָט פֿון צווייטן נישט געוווּסט אָדער זיך נישט געמאַכט וויסן; די אַלגעמיינע פֿאַראיין־צוזאַמענקונפֿטן האָבן אָבער ווײַט נישט געטראָגן קיין פּאַרטייִישן כאַראַקטער און עס פֿלעגן זיך אָפּט בײַטן די רעפֿערענטן, וועלכע האָבן געהערט צו פֿאַרשידענע ריכטונגען.

אין יאָר 1912 איז פֿאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿון די מיטגלידער פֿון אומלעגאַלן דרוקער־פֿאַראיין. אין אַ קאָנספּיראַטיווער דירה זענען אַרײַנגעקוועטשט געוואָרן קנאַפּע הונדערט מענטשן. נאָך אַ רעפֿעראַט וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿראַגעס און נאָך אַ לעבעדיקער דיסקוסיע איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פֿאַרוואַלטונג פֿון די חברים: „יאַנקעלעוויטש (יאַנעק) הענדלער, פֿישמאַן — „בונד“; פֿינקלקרויט (מאַירל), טירמאַן (משה זעצער) — פּפּ"ס־לעוויצע“; פּילאַטאָווסקי — „פּועלי־ציון“; און קאָנסאָוויצקי — אַן אומפּאַרטייִישער. אויסער דער פֿאַרוואַלטונג האָבן מיטגעאַרבעט בײַם אָרגאַניזירן די דרוקער־מאַסע די ח"ח שטערנפֿעלד, לאַנגער, רפֿאל לעדערמאַן, אַווּרעמל בעלפֿער, זיינוול באַמבאַס און דער געשטופּלטער העניעק.

פון דעם אומלעגאַלן דרוקער־פאַראיין האָט זיך שנעל דערוווּסט די צאַרישע „אָכראַנע", וועלכע האָט געזוכט מיטלען די דרוקער־אָרגאַניזאַציע צו צעקלאַפּן. נישט קאָנענדיק דאָס טאָן דורך דרוקערס גופא, האָט זי מאָביליזירט די ייִדישע פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער „אָכראַנע", און אַרויפגעצוווּנגען זיי מיט אַלע מיטלען זיך צו שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די אָנפירערס פונעם אומלעגאַלן דרוקער־פאַראיין, כדי זיי אויסצוליפערן דער „אָכראַנע".

ווער ווייסט ווי לאַנג די פּראָוואָקאַטאָרן האָבן געאַרבעט, כדי צוצוקומען נאָענט צו דער אָנפירונג פון דרוקער־פאַראיין, און בכלל צו וואָלט זיך זייער אַרבעט איַינגעגעבן ווען נישט דער וויַיטערדיקער צופאַל:

אָנהייב 1913 האָבן די פּוילישע דרוקער־אַרבעטער, וועלכע האָבן נאָך געהאַט עפּעס אַ שטיקל שיַין פון אַ לעגאַלן פאַראיין, אַזאַ מין „זיעדנאָטשעניע קאָלעגוו שטוקי דרוקאַרסקעי" — אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די פּוילישע דרוקעריַי־אייגנטימערס וועגן אַ ניַיעם לוינטאַריף. די פּוילישע דרוקעריַי־אייגנטימער האָבן זיך פאַרעקשנט איבער געוויסע פּונקטן און עס האָט געהאַלטן ערב אַ שטריַיק אויף דער פּוילישער דרוקערגאַס. אַזוי ווי די אומלעגאַלע ייִדישע דרוקער־פאַרוואַלטונג האָט זיך שוין לאַנג אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן פון אַן אַקציע, בכדי צו פאַרבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען און אין אַ געוויסער מאָס רעגולירן די לוינען אין פאַרשידענע דרוקעריַיען, האָבן שוין פריִער געהאַט אויסגעאַרבעט אַ לוינטאַריף, און דעריבער איז דער דרוקער קאָנפליקט אויף דער פּוילישער גאַס געווען אַ גוטער שעת־הכושר, כדי אויך אָנצוהייבן אַזאַ אַקציע אויף דער ייִדישער גאַס.

די פאַרוואַלטונג פונעם אומלעגאַלן דרוקער־פאַראיין האָט איַינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט די פּוילישע דרוקער־אַרבעטער פונעם לעגאַלן פאַראיין און פיל ווייניק צוגעפּאַסט דעם אויסגעאַרבעטן טאַריף פון דער פאַרוואַלטונג צו די באַדינגונגען אין די פּוילישע דרוקעריַיען. זיי האָבן אויך באַשלאָסן אַרויסצושיקן אַ פאָדערונג צו די ייִדישע דרוקעריַי־אייגנטימערס און מעלדן אַ שטריַיק אויף דער זעלביקער דאַטע וואָס די פּוילישע דרוקערס, כדי דער שטריַיק זאָל זיַין אַן איינהייטלעכער און אַן אַלגעמיינער. די פאָדערונגען צו די באַלעבאַטים זענען געווען: אַכט־שעהדיקער אַרבעטסטאָג (די פאָדערונג פון אַכט שעה אַרבעט איז מער געווען אַ דעמאָנסטראַטיווע ווי אַ וועזנטלעכע) און אַ לוין־הוספה פון 30 ביז 50 פּראָצענט.

ערב דעם שטריַיק איז זיך די פאַרוואַלטונג צונויפגעקומען ביַי הענדלערן אין שטוב, בכדי ענדגילטיק צו באַשליסן וועגן שטריַיק, אָרגאַניזירן די שטריַיק־אַקציע און איינשטעלן די פאַרבינדונג מיט די פּוילישע דרוקער־אַרבעטער, וועלכע האָבן אין צוויי טעג אַרום געזאָלט אָנהייבן דעם שטריַיק. עס איז שוין געווען **אָפּגעדרוקט** אַן אויפרוף אין אַ צאָל פון עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן, וועלכע האָבן זיך טאַקע געפונען אין דער וווינונג ווו די זיצונג איז פאָרגעקומען.

ווען כמעט אַלע זענען זיך שוין געהאַט צונויפגעקומען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן זיי געפינט זיך אַן אומבאַקאַנטע פּערזאָן. ווען מיר האָבן געפרעגט דעם באַלעבאָס פון דער דירה ווער דאָס איז, האָט ער אונדז דערקלערט, אַז דער חבר איז דעלעגירט געוואָרן פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד" און אַז די פּאַרטיי האָט באַשלאָסן אונדז מיטצוהעלפן אין אונדזער שטריַיק־אַקציע. דאָס איז געווען „הענעך מעטאַלאָוויטש".

די זיצונג איז געווען אַ גאַנץ שטורמישע וויַיל — ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט האָבן די פּוילישע דרוקערס באַשלאָסן די לעצטע מינוט דעם שטריַיק אָפּצולייגן אויף אַן אומבאַשטימטן טערמין. די פראַגע איז דעריבער געווען צי זאָלן מיר נאָכטאָן זייער ביישפּיל און אויך אָפּלייגן דעם שטריַיק, אָדער — ווי די מערהייט האָט געהאַלטן — מיר זאָלן אַליין גיין אין קאַמף. איז אַרויסגעטראָטן דער בונדישער פאָרשטייער און אונטערגעשטיצט די מיינונג פון אָפּלייגן דעם שטריַיק, די מערהייט איז אָבער געווען דערפאַר אַז מ'זאָל וויַיטער אָנפירן די אַקציע.

אין מיטן דער פאַרזאַמלונג, ווען די פרוי הענדלער (עווקע) האָט אויף אַ דיסקרעטן קלאַפּ אין טיר זי געעפנט, האָבן זיך געגעבן אַ שאָט אַריַין אַ מאַן צען פון דער זשאַנדאַמעריע און ציווילע



אַגענטן מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: „ניע שעוועלים ס'מיעסטאָ!" (רירט זיך נישט פון פּלאַץ).

מיר זענען אַלע ווי אָן לשון געבליבן צוגעשמידט צו די ערטער. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעוויזיע, צו ערשט אַ פּערזענלעכע. מיר האָבן אַלע געמוזט אַרויפלייגן אַלץ אויפן טיש, דערנאָך האָט מען געזוכט אין שטוב, אין קיך, אין פּעדערהויז, אין אוביקאַציע. מען האָט אָבער גאָרנישט געפונען.

ביַי אונדז אויפן טיש איז פון פריִער געלעגן אַן אויפרוף. אָט דער אויפרוף איז פאַרשוווּנדן פון טיש. מיר האָבן אים אַלע געזוכט מיט די אויגן, וויסנדיק וואָסער געפאַר ער שטעלט מיט זיך פאָר, אָבער מיר האָבן אים נישט געזען. אָט דאָס רעטעניש האָט קיינער נישט געוווּסט צו לייזן. ווי דערשטוינט זענען מיר אָבער געוואָרן ווען דער זשאַנדאַמעריע־אָפיציר האָט דאָס רעטעניש יאָ געלייזט. ער איז פּלוצלינג צוגעגאַנגען צו דער פרוי הענדלער און איר אַרויסגעצויגן פונעם מויל דאָס צעווייקטע שטיקל פּאַפּיר וואָס זי האָט בשום אופן נישט געקענט אַראָפּשלינגען. שפּעט אין דער נאַכט, ווען אַלע פאָרמאַליטעטן זענען שוין געווען געענדיקט, האָט מען אונדז אַלע אָפּגעפירט אין דריטן צירקל.

עס זענען דאַן אַרעסטירט געוואָרן 11 מאַן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען: יאַנקעלעוויטש, פּישמאַן, טירמאַן, שטערנפעלד, באָמבאַס, קאָנסעוויצקי, פּילאָטאָווסקי, הענעך מעטאַלאָוויטש און הענדלער מיט דער פרוי.

ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, זענען ביַי אַ דריַי הונדערט אויפרופן געווען צוגעקלאַפּט מיט אַ טשוואָק אויף דער לינקער זיַיט פון אַ בענקל, אויף וועלכן אַן עלטערער פּאָליציאַנט האָט זיך אָוועקגעזעצט בעת דער רעוויזיע און געכאַפּט דערוויַיל אַ דרעמל. אַזוי אַרום זענען די אויפרופן ניצול געוואָרן און זענען נישט אַריַינגעפאַלן אין די הענט פון דער „אָכראַנע".

נאָכן איבערנעכטיקן אין „קאָזע" פון דריטן צירקל זענען מיר אויף צו מאָרגנס עלף אַ זייגער, ווען דער ייִדישער עולם איז גראָד געגאַנגען פון שיל (דאָס איז געווען שבת), אַריַינגעפּאַקט געוואָרן אין אַ טורמעקעטשל און אָפּגעפירט אין דער „אָכראַנע"־אָפּטיילונג אויף דאַנילאָוויטשעווסקע־גאַס. איבערן גאַנצן וועג האָבן מיר אַלע אין כאָר געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער.

פון דער „אָכראַנע" האָט מען אונדז נאָך אַ קליינעם פאַרהער, וווּ מיר זענען גערופן געוואָרן איינציקוויַיז אין מיטן נאַכט, איבערגעשיקט געוואָרן אין קליינע גרופּעס, צו צוויי־דריַי מענטשן, אין דער דערנעבנדיקער צענטראַל־טורמע אויף דאַנילאָוויטשעווסקע. דאָרט האָט מען אונדז אַלע אַריַינגעזעצט אין איין קאַמער, אויסער דער פרוי עווקע, וועלכע מען האָט אָפּגעפירט אין דער פרויען־אָפּטיילונג פון דער זעלביקער טורמע.

דער גרעסטער טייל פון די אַרעסטירטע חברים זענען קיין מאָל נישט געזעסן אין תפיסה, די אַלע האָבן זיך פאַרהאַלטן רויִק. זיי האָבן געמיינט אַז אַזוי דאַרף זיַין, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. די אָבער וואָס האָבן שוין געהאַט דורכגעמאַכט אַן אַרעסט פון דער צאַרישער „אָכראַנע" זענען אַזוי רויִק נישט געווען. איבערהויפּט האָט זיך „געקאָכט" הענדלער, וועלכער האָט שוין דורכגעמאַכט אַ שטיקל ציַיט טורמע־פעסטונג. קודם־כל האָט אים געוווּנדערט וואָס מען האָט אונדז אַלע אַריַינגעזעצט צוזאַמען אין איין קאַמער, אין דער ציַיט ווען די אויספאָרשונג איז נאָך נישט געווען געענדיקט. דאָס הייסט אַז די „אָכראַנע" גיט אונדז אַליין די מעגלעכקייט זיך צונויפצורעדן ווי אַזוי זיך צו פאַרטיידיקן. צווייטנס איז ער שטאַרק געווען צעטומלט נאָך דער ערשטער אויספאָרשונג צוליב די פראַגעס וואָס דער אויספאָרש־אָפיציר האָט אים געשטעלט. נישט אַנדערש — האָט ער געשריגן — אַז דאָ איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע און דער פּראָוואָקאַטאָר געפינט זיך צווישן אונדז. אַלזאָ, ווערזשע איז דער פּראָוואָקאַטאָר?

מיט איין וואָרט: עס איז געוואָרן פריילעך אין קאַמער, וויַיל דער חבר הענדלער איז געווען זייער אַ נערוועזישער און אויפריכטיקער מענטש. ער האָט נישט געקאָנט עפּעס באַהאַלטן אין זיך. ער איז אַרומגעגאַנגען און זיך געפרעסן פאַר ווייטיק און כסדר קאָנפערירט אין דער שטיל מיט זיַינע פּאַרטיי־חברים, און ביַי דער גאַנ־

צער פֿאַרזיכטיקייט זײַנער זענען דאָך אַלע באַלד געוואָיר געוואָרן דערפֿון און די בהלה איז נאָך גרעסער געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה באַשולדיקונגען. קודם־כּל זענען גענומען געוואָרן אויפֿן טיש די אַלע וואָס האָבן געוווּסט פֿון דער זיצונג און האָבן געדאַרפֿט קומען אויף איר און זענען נישט געקומען. אַזעלכע זענען געווען דרײַ: בריליאַנטשטיין, פּינקלקרויט און אַווּרעמל בעלפֿער. בריליאַנטשטיין, האָט מען געוווּסט, איז אַ קראַנקער מענטש, ער האָט אָפּט אַטאַקעס פֿון גאַלשטיינער און בײַ אים האָט געקאָנט טרעפֿן אַז ער זאָל זיך פֿילן שלעכט און נישט קאָנען קומען. דער צווייטער איז געווען פּינקלקרויט. מען האָט אים טאַקע געזען נישט ווײַט פֿונעם טויער, ווו די זיצונג איז פֿאָרגעקומען, אַרומגיין מיט זײַן מיידל לאָניע, וועלכע איז געווען אַן אָפּטע אַרײַנגייערין צו הענדלערן אין שטוב און בײַ איר אין דער מופֿקע האָט זיך טאַקע געפֿונען דער שטעמפּל פֿונעם אומלעגאַלן דרוקער־פֿאַראיין. מיר אַלע זענען געווען זיכער אַז אָט־אָט קומט ער אַרויף אויף דער זיצונג און דאָך איז ער נישט געקומען. הענדלער האָט אים אָבער פּאַרטיידיקט צוליב דעם אומשטאַנד וואָס פּינקלקרויט האָט נישט געקאָנט וויסן אַז „הענעך" דאַרף זיך באַטייליקן אויף דער זיצונג, ווײַל ער האָט גאָר געהערט צו דער פּפּ"ס־לעוויצע; איז געבליבן דער פֿאַרדאַכט נאָר אויף אַווּרעמל בעלפֿער, וועלכער האָט אַ שם פֿון אַ פּלאַפּלער און אַ „באַשטעלער". הענדלער איז אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג אין קאַמער אויף און אָפּ און נאָר געבעטן איין זאַך — אַ נס! עס זאָל זיך עפֿענען די טיר פֿון דער קאַמער און עס זאָל זיך באַווײַזן דער אַווּרעמל בעלפֿער, ער וואָלט שוין דאַן אַ לעבעדיקער פֿון זײַנע הענט נישט אַרויס.

און דער נס איז טאַקע געשען. אויף דעם פֿערטן טאָג פֿון אונדזער זיצן אין תּפֿיסה עפֿנט זיך די טורמעטיר און עס פֿאַלט אַרײַן אונדזערס אַ חבֿר, הערשר לאַנגער מיט אַ פֿריידיקן אויסגעשרײַ: „לאַטקעס, עטץ זענט דאָ?!" ער כאַפּט זיך אַרום מיט אַלעמען קושן און עס ווערט היימלעך. מען זעצט זיך אַרום און לאַנגער דערציילט אונדז אַלץ וואָס עס איז פֿאָרגעקומען נאָך אונדזער אַרעסט.

קודם־כּל — דערציילט ער — האָט דער אַרעסט געמאַכט אין שטאָט אַ געוואַלדיקן רושם, ווו מען גייט און ווו מען שטייט רעדט מען וועגן „גרויסן אַרעסט". צווייטנס האָבן די דרוקערס, נישט געקוקט אויף דעם אַרעסט פֿון זייערע פֿאָרשטייערס, געוואָרפֿן די אַרבעט און דער שטרײַק האָט זיך אָנגעהויבן. דער ח' מאיר פּינקלקרויט מיט נאָך עטלעכע חבֿרים פֿירן אָן מיט דער שטרײַק־אַקציע, וועלכע האָט גרויסע שאַנסן געווונען צו ווערן. נעכטן זענען פֿאָרגעקומען אונטערהאַנדלונגען אין האַנטווערקער פֿאַראיין אויף מיאָדאָווע־גאַס. די דרוקערײַ־באַלעבאַטים האָבן שוין אַ העלפֿט פֿון די פֿאָדערונגען נאָכגעגעבן. זיי וואָלטן אפֿשר אַלע פֿאָדערונגען נאָכגעגעבן, נאָר אַזוי ווי מיר האָבן אויך אַרויסגעשטעלט צו זיי די פֿאָדערונג אַז זיי זאָלן אינטערווענירן כּדי אײַך צו באַפֿרײַען, האָבן זיי אָפּגעלייגט די אונטערהאַנדלונגען אויפֿן מאָרגנדיקן טאָג בכדי צו פּראָבירן עפּעס אונטערצונעמען. מיר האָבן זיי איינגערעדט אַז די מסירה שטאַמט פֿון זיי און אַז זיי זענען שולדיק אין אײַער אַרעסט.

אויף דער פֿראַגע ווי אַזוי ער איז אַרעסטירט געוואָרן, האָט ער דערציילט אַן אומגלויבלעכע מעשה, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ דעטעקטיוו־ראָמאַן: אַז ער זאָל זיך האָבן באַהאַלטן אין אַ שאַנק, אינעם צימער ווו ס'איז פֿאָרגעקומען די זיצונג פֿון די באַלעבאַטים. דער וואָזשנע האָט אים דאָרט דערווישט און אים איבערגעגעבן דער פּאָליציי. אַזוי אַרום איז ער דאָ געקומען צו אונדז.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשושקערײַ צווישן אים מיט די חבֿרים בונדיסטן וועגן דעם וועמען די גאַס איז חושד אין דער פּראָוואָקאַציע. ווײַזט אויס אַז ער האָט געבערענגט אַ קאָנקרעטע באַשולדיקונג, ווײַל די אַלע פֿריערדיקע השדים זענען פּלוצלינג אָפּגעפֿאַלן און דער עולם האָט זיך באַרויִקט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אַרײַנגעקומען אַ באַאַמטער אין קאַמער און פֿאָרגעלייענט אונדזער אורטייל אַז די קאַנצעלאַריע פֿון גענעראַל־גובערנאַטאָר אין וואַרשע באַשטראָפֿט אונדז אַדמיניסטראַטיוו פֿאַר פֿאַרזאַמלען זיך אומלעגאַל מיט תּפֿיסה־טערמינען פֿון איין ביז צוויי חדשים.

מיר זיצן אַלע און גלאָצן מיט די אויגן. דאָס איז עס אין גאַנצן?



פֿאַר דעם האָבן מיר זיך געשראָקן? מיר זענען געווען זיכער, אַז מינדעסטנס וועלן מיר באַקומען אַ יאָר פֿעסטונג און דערנאָך אַ „ווייסילקע" אין די ווײַטע רוסישע גובערניעס. סוף־כּל־סוף האָט די זשאַנדאַמעריע גאַנץ גוט געוווּסט צו וועלכן צוועק מיר האָבן זיך פֿאַרזאַמלט. זי איז גאַנץ גוט געווען אָריענטירט אַז מיר זענען די פֿאַרוואַלטונג פֿונעם אומלעגאַלן דרוקער־פֿאַראיין און דערצו נאָך ווען זיי האָבן געפֿונען בײַ אונדז אַן עקזעמפּלאַר פֿון אַן אומלעגאַלן אויפֿרוף צו אַ שטרײַק... מיר האָבן זיך געשראָקן אויף נאָך ערגערס. קודם־כּל זענען מיר געווען זיכער אַז מען וועט פֿאַרפֿירן קעגן אונדז אַ פּראָצעס און ביזן פּראָצעס קאָנען מיר אָפּזיצן לאַנגע חדשים. צווייטנס, האָבן מיר זיך געשראָקן פֿאַר דעם פּראָוואָקאַטאָר, ער זאָל אונדז נישט צוטשעפּען קיין פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט און אונדזער „דיעלאָ" וואָלט זיך געקאָנט פֿאַרוואַנדלען אין אַ פּאָליטישן פּראָצעס. סוף־כּל־סוף איז פֿאַר אונדז געווען זייער קאָמפּראָמיטירנדיק דער פֿאַקט וואָס אין אונדזער זיצונג האָט אָנטייל גענומען „הענעך מעטאַלאָוויעץ" — אַ גוט באַקאַנטע פֿיגור פֿאַר דער צאַרישער „אָכראַנע". דאָס האָט געקאָנט אַרויפֿפֿירן דעם פּראָצעס אויף אַ פּאָליטישן באָדן, און ווער ווייסט וואָסער „וויראָקן" מיר האָבן געקאָנט אָפּרייסן. אַלזאָ, דער באַרג האָט געבוירן אַ מויז. מיר האָבן שוין געציילט די טעג פֿון אונדזער באַפֿרײַונג.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז באַפֿרײַט געוואָרן דער לוסטיקער און פֿריילעכער הערשל לאַנגער, וועלכער איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אין קאַמער און געזונגען. מיט זײַן אַרויסגיין אויף דער פֿרײַ איז אונדז געוואָרן גאַנץ קאַלעמוטנע. עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די רײַבונגען צווישן די חבֿרים וועגן דער פּערזאָן פֿון פּראָוואָקאַטאָר, ווײַל נאָכן באַפֿרייען דעם חבֿר לאַנגער האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז דער פּראָוואָקאַטאָר געפֿינט זיך צווישן אונדז אין טורמע, און אַז נאָר אַ דאַנק דעם אומשטאַנד וואָס ער איז צוזאַמען מיט אונדז אַרעסטירט געוואָרן האָט די צאַרישע „אָכראַנע" פֿאַרטושט אונדזער שולד, נישט געוואָלט פֿאַרפֿירן אַ פּראָצעס קעגן אונדז, און אונדז געגעבן די קלענסטע אַדמיניסטראַטיווע שטראָף.

אַזוי ווי איך בין נאָך דעמאָלט געווען מינדעריעריק, האָב איך געהערט צו די וועלכע האָבן באַקומען די קלענסטע שטראָף. נאָך מײַן אַרויסגיין פֿון תּפֿיסה איז דער שטרײַק אין אַלגעמיין שוין געווען ליקווידירט. אָבער אין איינצלנע ערטער, אין די גאָר קליינע דרוקערײַען, האָט נאָך ווו־נישט־ווו געדויערט דער קאָנפֿליקט. דאָס זענען געווען נאָכווייעניִשן פֿון דעם פֿאַרענדיקטן שטרײַק. אַזוי האָט אין דער דרוקערײַ פֿון דראַכלע אויף זשאַביע־גאַס נאָך געאַרבעט אַ שטרײַקברעכער און בעת איך בין געגאַנגען אַהיים פֿון טורמע האָבן אויפֿן וועג אָנגעטראָפֿענע חבֿרים מיר איבערגעגעבן דעם פֿאַל. איך בין גלײַך אַרײַן מיט חבֿרים אין דער דרוקערײַ ווו מיר האָבן באַזײַטיקט דעם שטרײַקברעכער. דער אייגנטימער דראַכלע האָט געמאַכט אַ געוואַלד און עס איז טאַקע אָנגעלאָפֿן אַ פּאָליציאַנט פֿון באַנקפּלאַץ און אונדז אַרעסטירט. איבערן וועג אין צירקל אַרײַן האָבן מיר זיך בײַ אים אויסגעקויפֿט פֿאַר צוואַנציק קאָפּיקעס און פֿאַרשפּאָרט ווידער אָנצוקוקן די ווענט פֿון דער צאַרישער תּפֿיסה.

ערשט ווען אַלע זענען שוין געווען אויף דער פֿרײַ, האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז „הענעך מעטאַלאָוויעץ", וועלכער איז געזעסן צוזאַמען מיט אונדז, ווערט באַשולדיקט פֿון זײַן פּאַרטיי „בונד" אין פּראָוואָקאַציע. אַלזאָ, צוליב איר מיטאַרבעטער „הענעך מעטאַלאָוויעץ" האָט די צאַרישע „אָכראַנע" מיט אונדז אָפּגעשפּילט אַ קאָמעדיע, כּדי צו ראַטעווען איר אַגענט פֿון תּפֿיסה.

דער אומלעגאַלער דרוקער־פֿאַראיין האָט אַזוי געלעבט און עקסיסטירט ביזן אויסבראָך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די טעג פֿון דער מלחמה, ביז דער דײַטשישער אָקופּאַציע פֿון וואַרשע, איז ער זיך צעפֿאַלן פּשוט דערפֿאַר ווייל עס איז געוואָרן אַ קריזיס אין די דרוקערײַען. עס איז נישט געווען קיין אַרבעט, פֿיל פֿון די דרוקער־אַרבעטער זענען אַוועק אין מיליטער־דינסט, זיך צעפֿאָרן אין פֿאַרשידענע זײַטן, און עס איז געבליבן אַ פּוסטקייט ביז דעם אַנטשטיין פֿונעם לעגאַלן פֿאַראיין פֿון ייִדישע דרוקער־אַרבעטער אין וואַרשע, ענדע 1915.

(פֿון „פּנקס פֿון ייִדישע דרוקערס אין פּוילן", פֿאַרלאַג „דאָס נײַע לעבן", וואַרשע 1949).

פּראָפעסאָר דר׳ מ. באַלאַבאַן

# וואַרשע די גרעסטע יידישע קהילה אין אייראָפּע

וואַרשע, די הויפּט־ און רעזידענץ־שטאָט פון פּוילן, האָט אין יאָר 1921 געציילט 956,000 איינוואוינערס, דערונטער 322,000 יידן, וועלכע האָבן געוואוינט דאָס רוב אינעם צפון־טייל פון דער שטאָט.

די געשיכטע פונעם יידישן יישוב אין וואַרשע גרייכט צוריק ביז צום 14טן יאָרהונדערט. די עלטסטע נאָטיץ וועגן אַ ייד אין וואַרשע (וועגן דעם פינאַנציסט לאַזאַרוס) שטאַמט פונעם יאָר 1414, און וועגן דער „יידנגאַס" פון יאָר 1430. די דאָזיקע „יידנגאַס" איז געלעגן אין עלטסטן פערטל פון דער שטאָט, וואו עס געפינט זיך היינט דער „שמאָלער דונייַ". דאָס יידישע בית עולם איז געווען דאָרט וואו עס איז היינט דער שלאָספּלאַץ. אין יאָר 1454 איז אין וואַרשע אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם וועלכער האָט איבערגעריסן אויף אַ געוויסער צייט די אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע, דערנאָך איז אין יאָר 1483 אויסגעבראָכן אַ צווייטער פּאָגראָם, נאָך וועלכן אַלע יידן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער שטאָט און זייערע הייזער, שולן און דער בית עולם זענען פאַרקויפט אָדער פאַרפאַכטעט געוואָרן צו קריסטן. זינט יענעם יאָר באַזיצט די שטאָט די פּריווילעגיע פון אומטאָלעראַנץ קעגן יידן, וועלכע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן פּוילישן קעניג זיגמונט דעם ערשטן נאָך דעם ווי ער האָט איבערגענומען מאַזאָווושע (1527), און אויך דורך אַלע שפּעטערדיקע מלכים. אומזיסט האָבן איינצלנע יידן ווי אויך גרעסערע גרופּעס געפּרוּווט אומצוגיין דאָס געזעץ און זיך באַזעצן אין דער שטאָט. יעדעס מאָל איז זייער פּלאַן צו נישט געוואָרן דורך דעם מאַגיסטראַט, וואָס האָט שטרענג מקפּיד געווען אַז אין וואַרשע זאָל זיך נישט פאַרוואָרצלען קיין יידישער יישוב.

## דער קאַמף פאַר יידישע וואוינרעכט אין וואַרשע

ווען צום סוף פון 16טן יאָרהונדערט איז די רעזידענץ, — און צוזאַמען מיט איר אויך די סיימען — אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין וואַרשע, האָבן די פּריצישע סענאַטאָרן און דעפּוטאַטן מיטגעבראַכט קיין וואַרשע „זייערע יידן". אָבער יעדעס מאָל ווען דער סיים פלעגט געשלאָסן ווערן, האָבן די יידן נישט געטאָרט לענגער בלייבן אין דער שטאָט און האָבן געמוזט אוועקפאָרן מיט זייערע סחורות. מיט דער צייט האָט מען די יידן דערלויבט געזעצמעסיק צו וואוינען און האַנדלען אין וואַרשע בעת די סיים־סעסיעס, ווי אויך צוויי וואָכן פריער און צוויי וואָכן שפּעטער. דאָס האָבן אַ טייל יידן אויסגענוצט אַזוי אַז זיי האָבן אין וואַרשע מאַגאַזינירט אויף אַ לענגערער צייט זייערע סחורות און אויף דעם אופן געהאַט אַ סטאַבילן זיץ.

אין 18טן יאָרהונדערט, ווען מ׳האָט אין פּוילן פאַר געלט און פאַר אַ גוט וואָרט געקאָנט אַלץ מאַכן, האָבן מערערע הונדערטער יידישע פאַמיליעס זיך באַזעצט אין וואַרשע און דערפאַר געצאָלט דעם קרוינמאַרשאַל לובאָמירסקי, וואָס האָט געהאַט די העכסטע מאַכט איבער דער שטאָט, דעם אַזוי גערופענעם „טאָגצעטל", וואָס האָט אויסגעמאַכט 15 גראָשן פאַר יעדע 5 טעג. דער קרוינמאַרשאַל האָט פון דעם דאָזיקן אַפּצאָל געהאַט אַ הכנסה פון 200 טויזנט גילדן יערלעך. אויסער דעם האָבן די צוויי גרויסע פּריצים פּאָטאָצקי און סולקאָווסקי געגרינדעט צוויי יידישע שטעטלעך אין דער אומגעגנט פון דער שטאָט („נאָווי־פּאָטאָק" — וואו עס איז היינט די טאָוואַראָווע גאַס — און „נאָווע־יעראָזאָלימאַ" — דאָרט וואו עס געפינט זיך דער הויפּט־באַנהויף).

אין די דאָזיקע שטעטלעך האָבן זיך געזעצמעסיק באַזעצט די יידישע סוחרים און האַנטווערקער און דאָרט אַהין האָט זיך איבערגעטראָגן דער האַנדלס־צענטער פון דער שטאָט. די קריסטלעכע בירגערס האָבן אָבער נישט געוואָלט דולדן די דאָזיקע עבירה קעגן דער פּריווילעגיע פון אומטאָלעראַנץ קעגן יידן און האָבן דורכגעפירט פאַרלאַנגט פונעם קרוינמאַרשאַל לובאָמירסקי, ער זאָל אַרויסטרייבן די יידן. לובאָמירסקי האָט טאַקע באַפוילן די מאַגנאַטן אַרויסצוזעצן זייערע יידן פון נאָווי־פּאָטאָק און נאָוואַ־יעראָזאָלימאַ, און ווען זיי האָבן נישט געפאָלגט האָט ער געלאָזן מיטן כוח פון מיליטער אויפברעכן די יידישע הייזער, קאָנפיסקירט די סחורות מיט די מטלטלין און זיי פאַרקויפט אויף ליציטאַציע. די יידן גופא האָט ער אַרויסגעטריבן ווייט אויסערהאַלב פון די שטאָטגרענעצן. אין די נאָענטסטע יאָרן האָבן זיך ווידער באַזעצט עטלעכע הונדערט יידישע פאַמיליעס אין וואַרשע, אָבער דעם 14טן מיי 1784 זענען זיי ווידער אַ מאָל אויסגעוויזן געוואָרן דורכן קרוינמאַרשאַל מנישעק.

## וואַרשעווער יידן בעתן „גרויסן סיים"

אין אָקטאָבער 1788 איז צונויפגערופן געוואָרן קיין וואַרשע דער „גרויסער סיים", וועלכער האָט געדויערט פיר יאָר, און די יידן האָבן אַזוי אַרום באַקומען די לעגאַלע מעגלעכקייטן צו וואוינען אין וואַרשע. זיי האָבן געדונגען וואוינונגען און קראָמען אין דעם גרויסן פּאַלאַץ פונעם פּריץ פּאָטשעי (פּאָטשעיוּוו האָט געהייסן אין וואַרשע דער מאַרק פון ביליקע סחורות אויף באַגנע־גאַס), וואו עס איז דער היינטיקער טעאַטער־פּלאַץ, ווי אויך אין די פּאַלאַצן און היימען פון פּאָטאָצקי און ביעלינסקי (טלאָמאַצקע און קלאָפּאָצקע וואו עס איז געווען די ביעלאַנסקע־גאַס) און האָבן דאָרט פריי געטריבן האַנדל און מלאכה. אָבער די קריסטלעכע סוחרים און צעכאָווע האַנדווערקערס האָבן אָנגעווענדט אַלע השתדלות כדי צו מאַכן אַ סוף צו דער דאָזיקער לעגאַלער קאָנקורענץ און האָבן די פראַגע געבראַכט אויף דער טאָג־אָרדענונג פון דעם שטעט־צוזאַמענפאָר, וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין וואַרשע. איינער פון די הויפּטפּונקטן פונעם פּראָגראַם וואָס די דאָזיקע דעלעגאַטן פונעם פּוילישן בירגערטום האָבן פאָרגעשלאָגן דעם פּוילישן סיים איז געווען אַרויסצוטרייבן די יידן פון די שטעט וואו דער אויפהאַלט פאַר יידן איז ביז דעמאָלט געווען פאַרבאָטן, און צו באַגרענעצן די יידישע רעכט אין האַנדל און מלאכה דאָרט וואו דער יידישער יישוב איז געווען לעגאַל. די וואַרשעווער פּוילישע האַנטווערקער האָבן אָבער נישט געוואָלט וואַרטן ביז די דאָזיקע פּעטיציע וועט דערלייִדיקט ווערן און האָבן געפאָדערט פונעם קרוינמאַרשאַל אַז ער זאָל באַלד פאַרטרייבן די יידן פון דער שטאָט. אַזוי ווי ער האָט זייער וואונטש נישט באַלד אויסגעפירט, האָבן זיי דעם 15טן מיי 1790 איינגעאָרדנט אַן אמתן פּאָגראָם, בעת וועלכן מ׳האָט געשלאָגן יידן אין די גאַסן, אויפגעבראָכן די יידישע קראָמען, זיי אויסגעפּלינדערט און אַרויסגעטריבן די יידישע קרעמערס ווייט אויסערהאַלב פון דער שטאָט.

צו מאָרגנס נאָכן פּאָגראָם האָט דער סיים־דעפּוטאַט בוטרימאָוויטש אַריינגעטראָגן אַן אינטערפּעלאַציע וועגן דער דאָזיקער אָנגעלעגנהייט און האָט געפונען אונטערשטיצונג ביי פיל דעפּוטאַטן פון

דער שליאַכטע, וועלכע האָבן אין די עקסצעסן פונעם המון געזען די השפּעה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. עס איז באַלד געוויילט געוואָרן אַ קאָמיסיע אויסצופאָרשן דעם ענין ווי אויך צו רעגולירן די יידן־פראַגע אין פּוילן, און גלייכצייטיק איז די יידן דערלויבט געוואָרן זיך אומצוקערן קיין וואַרשע. די פאַרטריבענע האָבן זיך אומגעקערט אין דער שטאָט, כדי דאָס מאָל שוין ענדגילטיק דאָ צו בלייבן.

## פּאַטריאָטיזם פון די וואַרשעווער יידן

די קאָנסטיטוציע פון 3טן מיי 1791 האָט די יידן קיין נייע רעכט נישט געגעבן. דער יידישער סטאַטוס, איבער וועלכן ס'האָט געאַרבעט די אויבן דערמאָנטע קאָמיסיע, איז קיין מאָל נישט פאַרטיק געוואָרן, אָבער די יידן זענען אין וואַרשע געבליבן און האָבן אין גיכן באַלייגט אַן אויסגעצייכנטע צייגעניש פון זייער פּאַטריאָטיזם און ליבע צום לאַנד. ווען וואַרשע איז אין יאָר 1794 באַלאַגערט געוואָרן דורך די רוסן (בעתן אויפשטאַנד פון קאָשציושקאָ), האָט אויך דער ייד בערעק יאָסעלעוויטש גערופן זיינע גלויבנס־גענאָסן צום געווער און האָט פאָרמירט אַ יידישן פּאָלק, וואָס איז כמעט ביז צום לעצטן מאַן אויסגעקוילעט געוואָרן. דער העלדנמוט פון די יידישע קעמפערס האָט אָבער נישט דערנענטערט די יידן מיט די וואַרשעווער בירגערלעכע עלעמענטן, וועלכע האָבן געפאָדערט פונעם רוסישן קאָמענדאַנט בוקסהעוודען, ער זאָל ווידער אַ מאָל אַרויסטרייבן די יידישע סוחרים און בעל־מלאכות. בוקסהעוודען האָט אָבער נישט מסכים געווען און האָט דערלויבט די דאָזיקע יידן וואָס האָבן געוואוינט אין וואַרשע בעתן אריינמאַרש פון די רוסן, דאָ ווייטער צו בלייבן און אויך צו עפענען 60 גאַרקיכן אין עטלעכע „יידנגאַסן".

## די „זעקס־און־ניינציקער"

בעת דער דריטער צעטיילונג פון פּוילן (1795) איז וואַרשע צוזאַמען מיטן צפון פון פּוילן צוגעפאַלן פּרייסן. דאַן האָבן די שוין אין וואַרשע וואוינענדיקע יידן באַקומען דאָס לעגיטימע וואוינרעכט. אַזוי ווי דאָס איז געשען אין יאָר 1796, האָט מען די ערשטע וואַרשעווער יידן גערופן זעקס־און־ניינציקער. מען האָט דאַן די יידן באַפוילן אָנצונעמען דייטשע נעמען און צו צאָלן צוזאַמען מיט די אַנדערע פּרייסישע יידן די פאָרגעשריבענע שטייערן. דאָס נייע פּרייסישע יידן־געזעץ פון יאָר 1797 איז אויסגעשפּרייט געוואָרן אויך אויף די וואַרשעווער יידן. אָבער שוין אין יאָר 1798 האָט מען זיי ווידער געוואָלט אַרויסטרייבן פון דער שטאָט. מען האָט אָבער באַלד דעם דאָזיקן פּלאַן געלאָזט פאַלן און געטיילט די יידן לויטן פּרייסישן מוסטער אין צוויי קאַטעגאָריעס: 1) די דאָזיקע וואָס האָבן זיך געהאַט באַזעצט אין וואַרשע אין די יאָרן 1796—1799 און 2) די וואָס זענען דערנאָך געקומען. די יידן פון דער ערשטער קאַטעגאָריע האָבן געצאָלט נאַרונגס־שטייער, וואָס האָט געבראַכט 210 טויזנט פּוילישע גילדן יערלעך, און טאָלעראַנץ־שטייער. די פון דער 2טער קאַטעגאָריע זענען באַהאַנדלט געוואָרן אַלס פרעמדע און האָבן, אויסער פיל אַנדערע צאָלונגען, געמוזט אַריינטראָגן 1 גילדן טעגלעך פאַרן אַזוי גערופענעם „טאָגצעטל".

## די כשר - פלייש - טאַקסע

אין יאָר 1800 איז דער נאַרונגס־שטייער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צוגאָב־אָפּצאָל פון כשר־פלייש וואָס האָט לכתחילה קוים געבראַכט די 210 טויזנט גילדן, דערנאָך אָבער איז די הכנסה דערפון געשטיגן ביז 10,000 רובל יערלעך און צוגענומען ביים אָרעמען יידן דאָס שטיקל פלייש פון מויל. בעת דער פּרייסישער הערשאַפט האָבן צוגעשטראָמט קיין וואַרשע פיל יידישע פאַמיליעס פון דייטשלאַנד און האָבן דאָ באַקומען אַ גרויסע השפּעה, צוליב וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אַסימילאַציע, וועלכע איז אידענטיפיצירט געוואָרן מיטן דייטשטום (מען פלעגט טאַקע רופן אין פּוילן די פאָרגעשריטענע יידן, וואָס זענען געגאַנגען אייראָפּעאיש געקליידעט, „דייטשן").



## די בירגערלעכע גלייך־באַרעכטיקונג און דער קאַמף קעגן איר

די קאָנסטיטוציע פון הערצאָגטום וואַרשע (קשענסטוואָ וואַרשאַווסקיע), וואָס האָט עקסיסטירט פון 1807 ביז 1815, האָט געגעבן די יידן בירגערלעכע גלייך־באַרעכטיקונג און דערמיט דאָס אַקטיווע און פּאַסיווע וואַלרעכט צום סיים און צו דער גמינע־פאַרוואַלטונג, צו גלייך מיט דער אַנדערער שטאָטישער באַפעלקערונג. די שליאַכטע און דאָס בירגערטום האָבן אָבער נישט מסכים געווען מיט דעם און האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען אַז דער באַטרעפנדיקער פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע זאָל געענדערט ווערן. זיי זענען אונטערגעשטיצט געוואָרן דורך די אָרטאָדאָקסישע יידן אונטער דער פירונג פון דעם לובלינער רבין ר' יעקב יצחק האָראָוויץ און פון קאָזשעניצער מגיד ר' ישראל, וועלכע האָבן די גלייך־באַרעכטיקונג באַטראַכט אַלס אַ פּרוזדור צו אַסימילאַציע און גאָטלאָזיקייט. אַ דאַנק דער אַלגעמיינער השתדלות פון די יידן און קריסטן האָט פרידריך אויגוסט, דער הערצאָג פון וואַרשע, אָפּגעשטעלט די בירגערלעכע רעכט פון די יידן אויף 10 יאָר, ביז זיי וועלן זיך אַרויסווייזן אַלס ראוי צו געניסן פון דער דאָזיקער וואוילטאַט (1808). די דינע שיכט פון די דייטשע יידן האָט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דער דאָזיקער פאַראָרדענונג און האָט באַלייגט אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן דעם (1811). עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן און באַלד זענען די יידן פאַרטריבן געוואָרן פון פיל גאַסן, און היות זיי זענען דערקלערט געוואָרן אַלס נישט ראוי צו מיליטער־דינסט, האָבן זיי געמוזט דערפאַר צאָלן אַ היפּשן מיליטער־שטייער.

## דער „דאָזאָר בוזשניטשני"

די רעגירונג פון קעניגרייך פּוילן (קרולעסטוואָ פּאָלסקיע), וואָס האָט עקסיסטירט פון 1816 ביז 1831, האָט זיך געהאַלטן ווייטער אָן דער זעלבער שיטה. עס זענען געבליבן די זעלבע יידן־שטייערן, און ווען עס זענען אַריבער די 10 יאָר איז די פּאָליטישע גלייך־באַרעכטיקונג פון די יידן נאָך אַלץ געבליבן אָפּגעשטעלט. בלויז איין ענדערונג איז פאָרגעקומען לגבי די יידן: דער „קהל", וואָס האָט אַזוי שווער געלאַסטעט אויף די יידן, איז אין יאָר 1824 אין וואַרשע און אין גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן אָפּגעשאַפט געוואָרן, און אויף זיין אָרט איז געשאַפן געוואָרן דער אַזוי גערופענער „דאָזאָר בוזשניטשני" מיט זייער באַשרענקטע קאָמפּעטענצן (שולען, בית־עולם, ראַבינאַט). דער דאָזיקער „דאָזאָר בוזשניטשני" האָט עקסיסטירט ביזן יאָר 1829, ווען עס איז איינגעפירט געוואָרן די שפּעטערדיקע געמיינדע־אָרדענונג, און האָט געבראַכט מיט זיך אַ ירידה פונעם יידישן געמיינדע־לעבן.

## די אַנטשטייונג פונעם יידישן האַנדלס - צענטער אויף נאַלעווקעס

אַזוי זענען די וואַרשעווער יידן געבליבן אָן בירגערלעכע רעכט און געוואָרן אַ שפּילבאַלעם אין די הענט פון יעדער מאַכט. אַלע פּאָר יאָר האָט מען אַרויסגעטריבן פון אַנדערע גאַסן, און אין יאָר 1819 זענען אַלע יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פונעם טעאַטער־פּלאַץ און מען האָט זיי באַשטימט אַלס וואוינאָרט דעם שטח פונעם זאַקסישן גאָרטן אויף קרולעווסקע איבער דער מאַרשאַלקאָווסקע ביז שוויענטאָקשיסקע. ווען מען האָט אין די 40קער יאָרן גענומען בויען די ווינער באַן, האָבן די יידן געמוזט פאַרלאָזן זייערע גרונט־פּלעצער און הייזער, וועלכע זיי האָבן ערשט מיט 20 יאָר צוריק געקויפט פאַר גרויסע געלטסומעס, און זיך איבערגעצויגן אויף נאַלעווקעס, וואָס איז געוואָרן דער יידישער האַנדלס־צענטער.

די דאָזיקע און ענלעכע שיקאַנעס פון דער מאַכט האָבן געדויערט ביזן יאָר 1862, ביז די רעפאָרמען פון מאַרקגראַף וויעלאָפּאָלסקי. דורך דעם דעסקריפּט פון 6טן מיי 1861 האָבן די יידן באַקומען דאָס אַקטיווע און פּאַסיווע וואַלרעכט אין די געמיינדע־ראַטן (ראַדי גמיננע) און דעם 24טן מיי 1862 איז אין גאַנצן בטל געוואָרן דער דעסקריפּט פונעם וואַרשעווער הערצאָג פון יאָר 1808 און די יידן האָבן באַקומען פרייע וואוינרעכט, רעכט אויף האַנדל און מלאכה, ווי אויך אויף צו קויפן גיטער און זיי צו באַאַרבעטן אאז"וו.

## גלייך־באַרעכטיקונג און אַסימילאַציע

מיט דער גלייך־באַרעכטיקונג איז אויך געקומען די אסימילאַציע און די ליבע צום פּאָטערלאַנד, וועלכע איז געקומען צום אויסדרוק בעתן אויפשטאַנד אין יאָר 1863. די וואַרשעווער יידן האָבן זיך באַטייליקט אין די מאַניפעסטאַציעס קעגן די רוסן און שוין ביים ערשטן צוזאַמענשטויס מיט די קאָזאַקן איז אויף 4 פּאָליאַקן געפאַלן איין יידישער בחור. די שותפותדיקע לוויה, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט צו גלייך מיטן אַרצעביסקופּ די רבנים ר׳ בעריש מייזעלס און יאַסטראָוו און האָבן געזאָגט יידישע תפילות אויפן קריסטלעכן בית עלמין, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרברידערונגס־מאַניפעסטאַציע צווישן יידן און קריסטן, וואָס האָט ביז דאַן נישט געהאַט איר גלייכן. אויך זייער פיל יידישע יונגע־לייט, דערונטער דער רוב תלמידים פונעם ראַבינער־סעמינאַר, האָבן אָנטייל־גענומען אינעם אויפשטאַנד און האָבן באַצאָלט פאַר זייער פּאַטריאָטיזם מיטן לעבן אָדער מיט לאַנגיאָריקן גלות אין סיביר. נאָכן אויפשטאַנד האָט די רוסישע רעגירונג (נאַמיעסטניק גראַף בערג) גענומען אָנווענדן רעפּרעסיעס, פון וועלכע עס האָט אויך שטאַרק געליטן די יידישע באַפעלקערונג. דערפאַר אָבער זענען די באַציאונגען צווישן די יידן און די פּאָליאַקן געווען גוטע, אַ דאַנק וואָס, די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן האָט זיך אָנזעעוודיק געבעסערט. באַלד אָבער איז אויסגעבראָכן די רעאַקציאָנערע כוואַליע. די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אין גאַנץ אייראָפּע, האָט אויך אין פּוילן און אין וואַרשע געצייטיקט אירע ערשטע פרוכטן (יעסקע־כאָינסקי, יאַן יעלענסקי און זיין זשורנאַל „ראַליא" א"א) — בפרט נאָך אַז אין יאָר 1882 זענען אין דרום־רוסלאַנד אויסגעבראָכן די פּאָגראָמען, צוליב וואָס אַ גרויסע צאָל יידן האָבן געמוזט אויסוואַנדערן פון די דאָזיקע פּראָווינצן. הונדערטער טויזנטער יידן האָבן עמיגרירט מעבר לים קיין אַמעריקע, אָבער פיל פון זיי האָבן זיך באַזעצט אין קעניגרייך פּוילן און באַזונדערס אין די גרויסע האַנדלס־צענטערס וואַרשע, לאָדזש א"א, און האָבן פאַרפלאַנצט אין דעם שטאַרק פּאָלאָניזירטן יידנטום די רוסישע קולטור.

## די צוואַנדערונג פון די רוסישע יידן

אין ציפערן שטעלט זיך פאָר די צואוואַנדערונג פון די אַזוי־גערופענע „ליטוואַקעס" קיין וואַרשע אויף אַזאַ אופן: אין יאָר 1813, 8000 יידן אין וואַרשע; 1864: 72,000; 1882: 129,294, ד"ה 33,40 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָל באַפעלקערונג אין וואַרשע; 1887: 150,558, ד"ה 34,28 פּראָצ.; 1897: 212,892 — 35,39 פּראָצ.; 1902: 263,824 — 35,81 פּראָצ. 1910: 305,061 — 39,18 פּראָצ.

די דאָזיקע צואוואַנדערונג פון דער יידישער און דערצו קולטורעל פרעמדער (רוסישער) באַפעלקערונג האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די שנאה צו יידן מצד די קריסטלעכע סוחרים און האַנדווערקערס און האָט ענדלעך אין יאָר 1911 דערפירט צו אַן אָפענעם ברוך אין די פּויליש־יידישע באַציאונגען. אין דעם דאָזיקן יאָר זענען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער 4טער רוסישער דומע און די יידן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שטימען פאַרן קאַנדידאַט פון דער פּוילישער נאַצ. דעמאָקראַטיע (קוכאַזשעווסקי) וואָס האָט זיך אָפן דערקלערט אַלס שונא־ישראל, נאָר זיי האָבן געשטימט פאַר דעם פּוילישן אַרבעטער יאַגעללאָ, וועלכער איז טאַקע געוויילט געוואָרן. די פּאָליאַקן האָבן דאָס נישט געקענט מוחל זיין און האָבן דערקלערט די יידן נישט בלויז אין וואַרשע נאָר אויך אין גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן, אַן עקאָנאָמישן באָיקאָט.

## וואַרשע אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און באַזונדערס אין די ערשטע קריגסיאָרן האָט די יידישע באַפעלקערונג אין וואַרשע זייער פיל געליטן. צענדליקער טויזנטער יידישע היימלאָזע זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע און האָבן דאָ געמוזט אויסגעהאַלטן ווערן דורך דער עפנטלעכער וואוילטעטיקייט. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן די יידן צוזאַמען מיט די אַנדערע איינוואוינערס געליטן הונגער און נויט, זיי האָבן אָבער געקענט פרייער אָפּאָטעמען און זיך פּאָליטיש אַנטוויקלען. אויף דער דאָזיקער צייט פאַלט אויס דער שטאַרקער אויפשוואונג פון דער יידישער זעלשאַפטלעכערגע באַוועגונג, די גרינדונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, די אָרגאַניזירונג פון די אָרטאָדאָקסן און פון די לינקע פּאַרטייען: בונד, פּועלי־ציון, פאַראייניקטע, א"א. די אַלע פּאַרטייען האָבן אַרויסגעגעבן זייערע טאָגצייטונגען אָדער וואָכנבלעטער. די דייטשע אָקופּאַנטן, וואָס האָבן געגלויבט דאָ צו בלייבן, האָבן אונטערגעשטיצט די יידישע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג און האָבן אַרויסגעגעבן אַ סטאַטוט פאַר די יידישע קהילות (1916) און עס זענען גאַראַנטירט געוואָרן די רעכט פון די יידן אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט.

## אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

די נייע פּוילישע מלוכה האָט איבערגעלאָזן די פּאָליטישע פרייהייטן פאַר די יידן, אָבער זי האָט אָנגעהויבן אַ גאַנץ אַנדערע פּאָליטיק צו וועלכער די יידישע פּאַרטייען האָבן זיך געמוזט צופּאַסן. דאָס האָט געבראַכט צום גיכן פונאַנדערפאַל פון דער פאָלקס־פּאַרטיי און צו דער שטאַרקונג פון די ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן. די שטאַרקע אַנטוויקלונג פונעם האַנדל און פון דער גרויס־אינדוסטריע אין די ערשטע יאָרן נאָכן קריג (בעת דער אינפלאַציע) האָט אויך באַקרעפטיקט די אַרבעטער־פּאַרטייען, באַזונדערס דעם „בונד", וועלכער האָט געהאַט צווישן דער יידישער אָרעמקייט אַ געוויסן איינפלוס. טראָץ דעם האָבן די לינקע יידישע פּאַרטייען נישט געקאָנט דורכפירן קיין איינציקן דעפּוטאַט אין קיינעם פון די דריי ביז איצטיקע פּוילישע סיימען.

## דאָס קולטור־ און שול - וועזן אין יידישן וואַרשע ביזן יאָר 1928

אין יאָר 1820 זענען געגרינדעט געוואָרן די ערשטע דריי יידישע פאָלקסשולן און די אויפזיכט איבער זיי איז איבערגעגעבן געוואָרן צום באַקאַנטן שריפטשטעלער יעקב טוגנדהאָלד. דאָס פּראָגראַם פון די דאָזיקע שולן האָט אַרומגענומען אַלגעמיינע און יודאַיסטישע לימודים. די שולן זענען פאַרוואַלטעט געוואָרן דורך דער מלוכה, אָבער זייער בודזשעט האָט געמוזט געדעקט ווערן פון די ספּעציעלע יידישע שטייערן (אויפנטהאַלטס־קאַרטן, כשר־פלייש־טאַקסע). די פרעקווענץ אין די שולן איז לכתחילה געווען אַ גלענצנדיקע (אין ערשטן יאָר 300 שילער), באַלד אָבער האָבן אין דער קהילה זיך אָנגעהויבן רייבונגען צווישן די אָרטאָדאָקסן און די אַזוי־גערופענע „דייטשן" און דאָס איז נישט געבליבן אָן איינפלוס אויפן שול־באַזוך. דער חסידיזם אין וואַרשע, ווי אין פּוילן בכלל, איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שטאַרקער. אין יאָר 1843 איז דער גערער רבי ר׳ איטשע מאיר אַלטער באַשטימט געוואָרן אַלס ערן־מיטגליד פון וואַרשעווער ראַבינאַט, אין וועלכן ער איז שפּעטער, אין יאָר 1852, געוויילט געוואָרן אַלס דיין. אין דער זעלבער צייט האָט דער קאָצקער רבי ר׳ מענדעלע (געשטאָרבן אין 1859) געהאַט אין וואַרשע אומצייליקע טויזנטער חסידים און אָנהענגערס. דער איסור וואָס די אָרטאָדאָקסיע האָט אַרויסגערופן אויף די שולן האָט געפירט דערצו אַז אין יאָר 1863 האָבן אין וואַרשע געקאָנט עקסיסטירן סך הכל 8 פאָלקסשולן (5 פאַר יינגלעך און 3 פאַר מיידלעך).

אויך די ראַבינער־שול, וואָס איז געעפנט געוואָרן דורך דער מלוכה אין יאָר 1826, איז באַקעמפט געוואָרן דורך די חסידים מיט גרויס פאַרביטערונג, הגם די שול האָט געהאַט די בעסטע לערערס סיי פאַר יידישע, סיי פאַר וועלטלעכע לימודים (שטערן, טוגנדהאָלד, האָראָוויץ). די ראַבינער־שול איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ נעסט פאַר אַסימילאַציע. אירע שילערס און אַבסאָלווענטן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט באַקומען קיין רבנים־שטעלעס אין קיין שום יידישער קהילה, האָבן זיך געווידמעט פּראַקטישע באַרופן אָדער האָבן ווייטער שטודירט און זענען געוואָרן די טיכטיקסטע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן וואָס האָבן געשפּילט אַ זייער אָנגעזעענע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פונעם קולטור־לעבן אינערהאַלב פון דער יידישער געמיינשאַפט אין וואַרשע. איינס מוז מען אָבער פעסטשטעלן, אַז פון די 1209 תלמידים, וואָס האָבן געלערנט אין דער ראַבינער־שול אין משך פון די 37 יאָר פון איר עקסיסטענץ, האָט קיין איינציקער נישט באַקומען קיין פּאָסטן פון אַ רב. די רוסישע רעגירונג האָט געקוקט קרום אויף דער פּוילישער דערציאונג פון די רבנים־שילערס

און אין יאר 1863 האט זי געשלאסן די שול, נאך דעם ווי דאס רוב תלמידים האבן אנטיילגענומען אינעם אויפשטאנד.

די שליסונג פון דער ראבינער־שול און די פירונג פון די חסידים האט פון דעסט וועגן נישט געקאנט אין גאנצן אונטערדריקן די אנטוויקלונג פונעם פאלקסשול־וועזן אין ווארשע. הארט פאר דער וועלט־מלחמה האבן אין ווארשע עקסיסטירט 20 יידישע פאלקסשולן (12 פאר יינגלעך און 8 פאר מיידלעך מיט 1000 קינדער) מיט דער רוסישער אונטעריכטס־שפראך. די שולן זענען אויסגעהאלטן געווארן פון א ספעציעלן יידישן שטייער (ביז 1862 פון דער כשר־פליישטאקסע און שפעטער פון יידישן קהילה־עטאפ). די נייאנטשטאנענע פוילישע מלוכה האט אנגעהויבן איינצופירן דעם שולצוואנג און האט איינגעארדנט פאר די יידישע קינדער אייגענע פאלקסשולן מיט דער פוילישער אונטעריכטס־שפראך. אין יאר



תלמידים פונעם רבנים־סעמינאר „תחכמוני" מיטן דירעקטאר ד"ר מאיר באלאבאן

1920—1921 האבן אין ווארשע באזוכט די דאזיקע שולן 6.228 יידישע קינדער 12.4 % פון דער אלגעמיינער צאל קינדער ביי 33 % יידישע באפעלקערונג/, אין יאר 24—1925 — 14,088 יידישע קינדער 20.3 % פון דער אלגעמיינער צאל קינדער, די צאל מיידלעך איז דערביי פיל גרעסער פון די יינגלעך, וועלכע האבן נאך געלערנט דאס רוב אין די חדרים.

אויך די יידישע קהילה האט אין 27—1928 אויסגעהאלטן 10 פאלקסשולן מיט 31 קלאסן און 1262 קינדער אויסער דעם 3 קינדערהיימען און 4 קינדער־גארטנס. די אונטעריכטס־שפראך אין די דאזיקע שולן איז געווען פויליש, און ארום 15 שעה וועכנטלעך האט מען געלערנט די יודאיסטישע לימודים אין דער העברעאישער שפראך.

„תרבות" האט אין ווארשע געהאט 4 געמישטע 7קלאסיקע פאלקסשולן מיט העברעאישער אונטעריכטס־שפראך.

די „ציש"א" האט געהאט א גרויסע צאל שולן מיט דער יידישער אונטערריכטס־שפראך.

דער „מיזרחי" האט געהאט 2 פאלקסשולן, איינע פאר יינגלעך און די צווייטע פאר מיידלעך. אויסער דעם זענען געווען א גאנצע רייע פריוואטע עלעמענטאר־שולן פון אלערליי טיפן, פיל חדרים פון אלטן טיפ, ווי אויך אזעלכע ווי מען לערנט 10 שעה וועכנטלעך לימודי־חול (אגודה). מיטל־שולן זענען אין ווארשע געווען 14 מלוכישע. אין שול־יאר 1925 האבן אין די דאזיקע שולן געלערנט יידישע קינדער אויף אן ערך פון 6000, 2 % פון דער יידישער באפעלקערונג.

יידישע פריוואט־גימנאזיעס מיט פוילישער אונטעריכטס־שפראך און עפנטלעכע רעכט זענען געווען אין ווארשע: 5 פאר יינגלעך, 20 פאר מיידלעך און 1 געמישטע. צוזאמען האבן אין די דאזיקע שולן געלערנט אין שוליאר 27—1928 4950 קינדער. אין אלע יינגלשע גימנאזיעס און אין 2 מיידלשע גימנאזיעס זיינען געלערנט געווארן העברעאישע און יידישע לימודים פון 7 ביז 10 שעה וועכנטלעך.

יידישע פאכשולן זענען געווען אין ווארשע: 1 אכטקלאסיקער רבנים־סעמינאר „תחכמוני", געגרינדעט דורכן „מיזרחי" און געשטיצט פון דער רעגירונג (דעם „תחכמוני" האבן באזוכט 211 שילער אין עלטער פון 13 ביז 20 יאר), 1 מלוכישער 5קלאסיקער סעמינאר פאר יידישע רעליגיע־לערער, 1 רבנים־שול, 1 סעמינאר פאר פרעבליסטינס פון „תרבות", 1יעריקער לערער־סעמינאר פאר מאטוריסטן, 1 דערגענצונגס־קורס פאר טעטיקע לערער פון די פאלקסשולן, 1 האנטווערקער־שול פון דער יידישער קהילה מיט 240 שילער, 1 האנטווערקער־שול פונעם פאראיין צו שאפן ארבעט פאר ארעמע יידן — 234 שילער, 1 האנט־ווערקער־שול פאר מיידלעך, פון דער יידישער קהילה — 156 שילערינס, 1 דערגאנצונגס־שול פאר האנטווערקער־שילער, און ווארשטאטן פון „ארט" מיט 372.

## פרעסע

זינט פעברואר 1928 האָט עקסיסטירט אין ווארשע א חויבשול פאר יידישער וויסנשאפט, וואו עס איז געלערנט געוואָרן אקאדעמיש אלע פאכן פון דער יידישער וויסנשאפט.

אין יאָר 1823 איז אין ווארשע דערשינען דאָס ערשטע אין פוילן יידישע וואָכנבלאט מיטן נאָמען „דער בעאָבאכטער אן דער ווייכסל" און אויך מיט דער פוילישער איבערשריפט „פאָסטזשעגאטש נאדווישלאנסקי". דאָס בלאט איז דערשינען אויף פויליש און אויף יידיש־דייטש אונטער דער רעדאקציע פון דעם שפעטערדיקן דירעקטאָר פון ראבינער־שול, אנטאָני אייזנבוים. אין יאָר 1824 האָט דאָס בלאט אויפגעהערט צו דערשיינען און עס האָט געהערשט א פויזע ביזן יאָר 1860, ווען דניאל נייפעלד האָט אָנגעהויבן ארויסצוגעבן א פויליש אסימילאטאָריש וואָכנבלאט וואָס האָט שפעטער זיך פארוואנדלט אין דער „איזראעליטא" (1865), וועלכע איז דערשינען ביזן יאָר 1908.

אין יאָר 1862 האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אונטער דער ליי־טונג פון חיים זעליג סלאָנימסקי דאָס העברעאישע וואָכנבלאט „הצפירה" וואָס איז שפעטער (1886) פארוואנדלט געוואָרן אין א טעגלעכער צייטונג אונטער דער רעדאקציע פון נחום סאָקאָלאָוו. די טעגלעכע „הצפירה" איז דערשינען ביז די ערשטע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דער מלחמה־צייט איז די „הצפירה" רעדאגירט געוואָרן דורך ע. נ. פרענק. נאָך א שווערן קאמף פאר איר עקסיסטענץ איז די „הצפירה" אין יאָר 1917 ווידער פארוואנדלט געוואָרן אין א וואָכנבלאט, ווערנדיק דער אָרגאן פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע. אין יאָר 1920 האָט די „הצפירה" ווידער אָנגעהויבן צו דערשיינען אלס טאָגצייטונג אונטער דער רעדאקציע פון ש. ראָזנפעלד. סוף 1921 איז ווידער אריינגעטרעטן אן הפסקה אין דער העברעאישער טאָג־פרעסע אין פוילן, וואָס האָט געדויערט ביז 1924 ווען ס'האָט אָנגעהויבן דערשיינען דער „היום" וועלכער איז ארויסגעגאנגען ביזן יאָר 1926. זינט 1927 דערשיינט ווידער די „הצפירה" אלס טאָגצייטונג, עס דערשיינען אויך אנדערע העברעאישע צייטשריפטן: החלוץ, השומר הצעיר און אנדערע. אין פארשידענע יאָרן ביזן יאָר 1928 זענען דערשינען די העברעאישע צייטונגען: הצופה, הקול, הבוקר, הדור, און די יידישע: דער וועג, דער טעלעגראף, דער פריינד, די נייע וועלט, מאָרגנבלאט, אונזער לעבן, דאָס נייע לעבן, נייעס, ווארשעווער טאגעבלאט, דאָס יידישע וואָרט.

אינעם יאָר 1928 זענען דערשינען אין ווארשע די יידישע צייטונגען: „היינט" (געגרינדעט אין יאָר 1908) „מאָמענט" (1911) „פאָלקס־צייטונג", „אונדזער עקספּרעס", „דער יוד", איין פויליש־יידישע צייטונג „נאש פזשעגלאָנד", די וואָכנבלעטער: „ליטעראַרישע־בלעטער", „דער שפיגל", „האנדלס־וועלט", „באפרייאונג־אַרבעטער־שטימע", „דער בלאָפער". מאָנאטשריפטן: „די יידישע וועלט", „ביכער־וועלט", „אונדזער האָפענונג", „די עפּאָכע", „די נייע צייט", „די קאָאָפעראטיווע באוועגונג", „פארן פאָלק", א"א.

## פאַרלאַגן

ווארשע איז תמיד געווען א צענטער פונעם יידישן און העברעאישן בוכהאנדל און עס איז עס נאָך מער געוואָרן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, צוליב דער פולשטענדיקער פאַראָרעמונג פון ווילנע. אין ווארשע האָבן עקסיסטירט אין יאָר 1928 די וויכטיגסטע פארלאגן: „צענטראל", „שטיבל־פארלאג" „קולטור־ליגע", „י. קלעצקין", „ה. בזשאָזע", „ביכער", „ברידער לעווין־עפשטיין", „גיטלין", „פרייד", „גאָלדפארב", „ראקאָווסקי", „די וועלט", „דער האמער", און אנדערע.

## טעאַטער און אַנדערע קולטור - אַנשטאַלטן

זינט פיל יאָרן האָט אין ווארשע עקסיסטירט יידישע טעאטערס (די טרופּן פון גאָלדפאדן, שמר, קאמינסקי, עפּעלבערג, קאָמפּאניעיעץ, ראפעל, א"א.). בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין ווארשע אָרגאניזירט 2 יידישע דראמאטישע טרופּעס: די „ווילנער" וועלכע האָבן זיך קונה־שם געווען אין אייראָפּע, און די טרופּע פון דער מאמע פון יידישן טעאטער, אסתר רחל קאמינסקי, מיט איר טאָכטער אידא קאמינסקא און איידעם זיגמונט טורקאָוו. ווען די „ווילנער" זענען ארויסגעפאָרן קיין מערב אייראָפּע און אסתר רחל קאמינסקי איז געבליבן שטעקן אין אוקראינע האָט זיך אין ווארשע אָרגאניזירט אן אנדער טרופּע, וועלכע האָט געשפּילט אין „צענטראל" טעאטער. די דאָזיקע טרופּע, וועלכע איז שפעטער אָנגעפירט געוואָרן דורך זיגמונט טורקאָוו און דערנאָך דורך ליפּמאנען, האָט זיך דערוואָרבן זייער א גוטן נאָמען. צוליב דעם אָבער וואָס דער איינציקער יידישער טעאטער־בנין איז פארקויפט געוואָרן דער רעגירונג אויף א מאָנאָפּאָל־ביוראָ, האָט די טרופּע געמוזט אויפהערן צו שפּילן. אין 1925 איז אין ווארשע אנטשטאנען א יידיש קליינקונסט־טעאטער „אזאזעל" אונטער דער לייטונג פון דוויד הערמאן, וואָס האָט עקסיסטירט בלויז עטלעכע חדשים. אין 1926 איז אנטשטאנען דאָס קליין־קונסט טעאטער „סקאלא". אויסער דעם האָט עקסיסטירט אין ווארשע: קאמינסקים טעאטער אונטער דער לייטונג פון משה ליפּמאן, און זינט מארץ 1928 די ווילנער טרופּע אונטער דער לייטונג פון מאזאָ.

פון אנדערע קולטור־אינסטיטוציעס דארף דערמאָנט ווערן די יודאיסטישע ביבליאָטעק ביי דער גרויסער סינאגאָגע אויף טלאָמאצקע (25.000 בענד), דאָס בערסאָן־מוזעאום פון דער יידישער קהילה מיט זייער פיל אלטערטימלעכע זילבער־כלים און האנטשריפטלעכע כתובות, דער ארכיוו פון דער קהילה און דער אויסשטעלונגס־זאל פון דער געזעלשאפט צו פארשפּרייטן קונסט ביי יידן.

## דאָס רעליגיעזע און סאָציאַלע לעבן

די אויסערלעכע פאָרעם פון רעליגיעזן לעבן גיט די יידישע קהילה, וועלכע איז דירעקט אָדער אומדירעקט אָפּהענגיק פונעם קולטור־דעפּארטאמענט אין בילדונגס־מיניסטעריום. ביז 1924 איז אין דאָזיקן דעפּארטאמענט געווען א ספּעציעלע יידישע אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פונעם מיניסטעריאל־ראט ה' שמואל אדאלבערג. אין יאנור 1925 איז די דאָזיקע אָפּטיילונג בטול געוואָרן און די יידישע ענינים זענען איבערגעגעבן געוואָרן דער אלגעמיינער אָפּטיילונג פאר נישט קריסטלעכע אמונות, ביי וועלכער ה' אדאלבערג איז געווען ראטגעבער און זאכקענער פאר יידישע אָנגעלעגנהייטן.

די לעצטע וואלן צו דער ווארשעווער קהילה אויפן גרונד פונעם נייעם קהילה־געזעץ זענען פאָרגעקומען אין יוני 1924, אָבער צוליב דעם שפּראכן־סקאנדאל אויף דער ערשטער זיצונג פונעם קהילה־ראט האָט די רעגירונג פארלענגערט די טעטיקייט פון דער אלטער קהילה־פארוואלטונג ביזן יאָר 1926. ערשט אין מארץ 1926 איז די שפּראכפראגע געלייזט געוואָרן אזוי אז דער פאָרזיצער און אויך די מיטגלידער פונעם קהילה־ראט מעגן רעדן אויף די זיצונגען העברעאיש אָדער יידיש. דער צוזאמענשטעל פונעם קהילה־ראט איז געווען: 18 ציוניסטן, 16 אגודהניקעס, 4 אומפּארטייאישע אָרטאָדאָקסן (גראָדזיסקער און אלעקסאנדרער חסידים) 6 בונדיסטן, 3 פאָלקיסטן, 2 לינקע פועלי־ציוניסטן. ענלעך דערצו איז אויך געווען דער צוזאמענשטעל פון דער קהילה־פארוואלטונג: פאָרזיצער פון קהילה־ראט: דעפּ' אליהו קירשבוים; וויצע פאָרזיצערס: פּרנס ד"ר י. גאָטליב (ציוניסט) און פּרנס יעקב טראָקענהיים (אגודה), פאָרזיצער פון דער קהילה־פארוואלטונג: דעפּ' העשל פארבשטיין (מזרחי) וויצע פאָרזיצערס: פּרנס משה פעלדשטיין (ציוניסט) און פּרנס ישוע אָראָנבוים (אגודה).

זינט דעם אָנהייב פונעם 19טן יאָרהונדערט האָבן אין ווארשע אמטירט די בארימטע רבנים פויזנער, ליפּשיץ, דאווידאָווסקי, מייזלס, געזונדהייט. אין יאָר 1870 איז אָפּגעשאפט געוואָרן דער אמט פון אייבערראבינער און זינט דעמאָלט זענען אין ווארשע געווען טעטיק בלויז באצירקס־רבנים, וואָס האָבן געבילדעט צוזאמען א ראבינאט. אין יאָר 1923 איז אויך דער פאָרשריטלעכער פרייידיקער ביי דער גרויסער סינאגאָגע אויף טלאָמאצקע געוואָרן א באצירקס־רב פון דער „אגודה", דער בארימטער געלערנטער ד"ר שמואל אברהם פּאָזנאנסקי, וועלכער האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען כמעט אויפן טויטנבעט. זינט 1923 האָט פארנומען דעם דאָזיקן אמט דער אוניווערסיטעט פּראָפעסאָר ד"ר משה שאָר.

די יידישע קהילה האָט אויך געהאַט אונטער איר רשות אַ שפּיטאָל (אויף טשיסטע) פאַר 1000 בעטן, אַ קינדער־שפּיטאָל אויף שליסקע, אַ מושב־זקנים אויף וואָלסקע, 2 שילען (נאָזשיק שיל, און אויף פּראַגע).

דאָס רוב וואַרשעווער פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן האָבן אָבער נישט געהערט צו דער קהילה, נאָר זענען געשאַפן געוואָרן דורך יחידים אָדער חברות און זענען אויך פאַרוואַלטעט געוואָרן דורך די דאָזיקע חברות אָדער דורך קאָמיטעטן. אַזוי זענען אין וואַרשע אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך באַזונדערע פאַראיינען: 4 יתומים־הייזער, 3 קימפּעטאָרינס־אַנשטאַלטן, 3 מושב־זקנימס, זומער־קאָלאָניעס, אַ סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע, אַ שולע פאַר טויב־שטומע מיט אַן אינטערנאַט, אַנשטאַלטן פאַר גייסטיק־קראַנקע, די געזעלשאַפט „טאָז" האָט זיך באַשעפטיקט מיטן געזונט־צושטאַנד פון דער אָרעמער באַפעלקערונג, די געזעלשאַפט „לינת־הצדק" מיט קראַנקן־פלעגע, „בית־לחם" האָבן פאַרזאָרגט די אָרעמע־לייט מיט שפּייז־פּראָדוקטן אויף שבתים און יום־טובים, „תומכי־אסורים" האָט פאַרזאָרגט מיט כשר עסן יידישע אַרעסטאַנטן און סאָלדאַטן. דער רעטונגס־קאָמיטעט האָט געשטיצט די נויטבאַדערפטיקטע יידן און די דאַכלאָזע מיט אַ היים, די גמילת־חסדים־קאַסעס האָבן אַרויסגעגעבן הלוואות פאַר געפאַלענע בעל־מלאכות און קליינהענדלערס, אָן פּראָצענט.

## דאָס עקאָנאָמישע לעבן

אין עקאָנאָמישן לעבן פון וואַרשע האָבן יידן געשפּילט די וויכטיקסטע ראָלע. זיי האָבן געבילדעט 90 פּראָצענט פון אַלע סוחרים און אויך אַן ענלעכן פּראָצענט פון די האַנטווערקערס. די יידישע סוחרים, קליינהענדלערס און האַנטווערקערס זענען געווען אָרגאַניזירט אין גרויסע פאַרבאַנדן, וואָס האָבן אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד. אין וואַרשע איז געווען אַ סוחרים־צענטראַלע מיט 76 סעקציעס לויט די באַזונדערע האַנדלס־בראַנזשעס. אין וואַרשע אַליין האָט געציילט די צענטראַלע 6000 מיטגלידער. צו דער צענטראַלע האָבן אויך געהערט 314 פאַראיינען אין דער פּראָווינץ מיט אַן אַלגעמיינער צאָל פון 29.000 מיטגלידער. דער צענטראַלער האַנטווערקער־פאַרבאַנד האָט געציילט אין וואַרשע אַליין 7000 מיטגלידער און האָט אין דער פּראָווינץ געהאַט 542 אָפּטיילונגען מיט 100.000 מיטגלידער. דער צענטראַלער קליינהענדלער־פאַרבאַנד האָט געהאַט 271 אָפּטיילונגען מיט 120.000 מיטגלידער, אין וואַרשע אַליין 6000. די סוחרים, האַנטווערקערס און קליינהענדלערס האָבן געהאַט זייערע אייגענע קאָאָפּעראַטיווע בענק וואָס זענען פינאַנסירט געוואָרן דורך דער צענטראַלער יידישער קאָאָפּעראַטיוון־באַנק. אויסער דעם האָבן עקסיסטירט אין וואַרשע אַ גאַנצע ריי האַנטווערקער־קאָאָפּעראַטיוון.

אויך די יידישע אינטעליגענץ איז געווען אָרגאַניזירט אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (דאָקטוירים, אינזשעניערן, זשורנאַליסטן און ליטעראַטן, פאָלקס־ און מיטל־שול־לערערס, תלמידים א"א).

גוט אָרגאַניזירט זענען געווען די אַרבעטערס פון אַלע בראַנזשעס. די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראיינען זענען געווען די איינציקע בריק צווישן די פּוילישע און יידישע סאָציאַליסטן, אויפן קולטורעלן געביט זענען זיי זיך געגאַנגען יעדער איינער זיין באַזונדערן וועג.

לויט דער סטאַטיסטיק פון אינזשעניער העלער זענען אין יאָר 1921 געווען אין וואַרשע 12.414 אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געהערט צו יידן און באַשעפטיקט יידישע אַרבעטערס. אין דער אינפלאַציע צייט (1922־1924) זענען אַנטשטאַנען טויזנטער נייע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען אָבער אין די יאָרן 1925—1926 צוזאַמען מיט די אַלטע צו גרונט געגאַנגען.

(פון יובּילייבוך „היינט", וואַרשע 1908—1928)



בתיה טעמקין — בערמאַן (ישראל)

# צו דער געשיכטע פון ייִדישן בוך אין פּוילן

## ייִדישע ביבליאָטעקן אין וואַרשע

### דער אָנהייב

די ייִדישע ביבליאָטעקן אין וואַרשע האָבן נישט געהאַט קיין לאַנגן קיום. ווי באַוווּסט איז בכלל דער גאַנצער סטאַבילער ייִדישער ייִשוב אין וואַרשע אַנטשטאַנען אין סוף פון 18טן יאָרהונדערט. וועגן קיין שום באַוווּסטע ייִדישע ביבליאָטעקן איז אונדז פון יענער צײַט נישט באַקאַנט. וואָרשײַנלעך האָבן בײַ פאַרשידענע שולן און בתי־מדרשים עקסיסטירט פאַרשידענע זאַמלונגען פון רעליגיעזע ספרים, געווען איז מן הסתם עפּעס אַ ביבליאָטעק בײַ דער ראַבינער־שול אין וואַרשע, אָבער קיין שום שפּורן זענען פון דעם נישט געבליבן. די ערשטע ייִדישע ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך דערהאַלטן כמעט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געווען די ביבליאָטעק בײַם „פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע פון משה'ס גלויבן" וועלכע איז אַנטשטאַנען שוין אין יאָר 1858 אונטערן נאָמען „חברה משרתים".

אַרום יאָר 1872 איז די פאָלקסטימלעכע „חברה" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַראיין. אין דער פאַרוואַלטונג זענען אַרײַן אַסימילירטע יונגע־לײַט פון דעם בעסערן קלאַס „בוכהאַלטערס", ווי ס'שרײַבט זיך אין אַ פּוילישן באַריכט, און מען האָט געגרינדעט אַ ביבליאָטעק מיט לויטער פּוילישע, רוסישע און דײַטשע ביכער. טראָץ דעם וואָס די פּשוטע מיטגלידער האָבן פאַרלאַנגט פיל מאָל אַרײַננעמען אויך ייִדישע ביכער, האָט די פאַרוואַלטונג געפּסלט „זשאַרגאָן". איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, אַז אין אַלע באַריכטן פון דער ביבליאָטעק (געדרוקטע אין דער אַסימילאַטאָרישער צײַטשריפט „איזראַעליטאַ") באַקלאָגט מען זיך אויף שוואַכער פּרעקווענץ. אין דער זעלבער צײַט (אין די 80—90 יאָרן האָבן שוין אין וואַרשע עקסיסטירט ייִדישע בוכהאַנדלונגען, וואָס האָבן פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל אויסגעבאָרגט ייִדישע ביכער פון שאָמער, דיק, דינעזאָן א"א.

די הויפּט־באַזוכער פון די פּרימיטיווע ביבליאָטעקן זענען טאָקע געווען משרתים און דינסטמיידלעך, וועלכע האָבן אויך אָפט מאָל באַקומען אַרויסגעבאָרגט פאַרשידענע טרויעריקע ראָמאַנען בײַ וואַנדערנדיקע מוכר־ספרים און פאַקטערעגערס. אַרויסגעבאָרגט ביכער האָט מען איבערהויפּט אויף שבת, אָבער שוין פון מיטוואָך אָן זענען געקומען אין די ביכער־קראָמען פאַרברענטע לעזער, כדי באַצײַטנס אַרײַנצוכאַפּן אַ גוט בוך. וועגן דעם אַלעם האָט מיר דערציילט אין יאָר 1933 אַן אַלטיטשקער ייִדישער בוכהענדלער און פאַרלעגער, אַברהם מאָרגנשטערן פון פראַנציסקאַנער גאַס, וואָס נאָך זײַנע עלטערן האָבן אויף נאַלעווקעס געהאַט אַ ביכער־קראָם.

אין יאָר 1880 איז אַנטשטאַנען די ערשטע גרויסע, מאָדערנע ייִדישע ביבליאָטעק אין וואַרשע. דאָס איז געווען די ביבליאָטעק בײַ דער גרויסער סינאַגאָגע (רעפאָרמירטער שול) אויף טלאָמאַצקעגאַס.

בײַ דער סינאַגאָגע זענען דעמאָלט שוין געווען געזאַמלט פיל רעליגיעזע ספרים, אָפט געשאָנקען פון אַסימילירטע ייִדן, וועלכע האָבן נישט געהאַט ווו אַהינצוטאָן די ירושה פון זײַערע טאַטעס און זיידעס. ס'איז אַנטשטאַנען אַ פּראָיעקט צו גרינדן אַ יודאַיִסטישע ביבליאָטעק און באַלד האָבן זיך אַ שאָט געטאָן רײַכע ביכער־מתנות. איינער פון די גרינדער און נאָכער לאַנגיאָריקער איבערגעגעבענער לייענער פון דער ביבליאָטעק איז געווען ד"ר שמואל פּאָזנאַנסקי. לאַנגע יאָרן האָט די ביבליאָטעק וועגעטירט אין 3 קליינע צימערלעך בײַ דער סינאַגאָגע. ערשט כמעט 50 יאָר שפּעטער האָט זי באַקומען אַן אייגענע געביידע.

צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט, ווען ס'זענען אַנטשטאַנען מעכטיקע אַרבעטער־ און ציוניסטישע ריכטונגען, האָבן שוין געמוזט עקסיסטירן אומלעגאַלע (בײַם צאַראַט) אַרבעטער־ און געזעל־

טאַבעלע 1

**אַלגעמיינע סטאַטיסטיק פון די ייִדישע ביבליאָטעקן אין וואַרשע**

(אין יאָר 1934)

| צאָל ביב-ן | | כאַראַקטער און קאַטעגאָריע | ביכער: אַלג. צאָל | ביכער: ייִדישע | ביכער: העברעיִשע | ביכער: פּוילישע | ביכער: אַנדערע | אַלג. צאָל לעזער: | פון דעם לייענען: ייִדיש | פון דעם לייענען: העבר. | פון דעם לייענען: פּויליש |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 50 | | ס"ה | 265.336 | 67.442 | 134.522 | 134.264 | 38.108 | 19.340 | 5.309 | 355 | 13.685 |
| — | עפנטלעכע | פּריוואַטע אויסליי־ביבל. | 152.500 | 22.550 | 3.350 | 103.950 | 22.650 | 12.150 | 1.410 | 85 | 10.655 |
| 2 | עפנטלעכע | יודאַיִסטישע ביבליאָטעקן | 34.700 | 6.000 | 18.460 | 500 | 9.740 | (* | ? | ? | ? |
| 13 | עפנטלעכע | אַרבעטער " | 48.500 | 29.100 | — — | 15.900 | 3.500 | 5.003 | 3.080 | — — | 1.923 |
| 6 | אינערלעכע | פאַראיינס־ביבליאָטעקן | 18.436 | 5.647 | 80 | 10.576 | — — | 1.144 | 345 | 3 | 796 |
| 11 | אינערלעכע | ציוניסטישע " | 6.335 | 2.010 | 2.967 | 1.348 | 2.133 | 693 | 323 | 164 | 206 |
| 3 | אינערלעכע | מזרחיסטישע " | 1.115 | 535 | 405 | 140 | 35 | 179 | 61 | 93 | 25 |
| 3 | אינערלעכע | אגודיסטישע " | 1.560 | 950 | 260 | 350 | — — | 180 | 90 | 10 | 80 |
| 2 | אינערלעכע | אַנדערע " | 2.200 | 650 | — — | 1.500 | 50 | — — — | — — | — — | — — |

*) די צאָל פון זייערע לעזער איז שווער געווען פעסטצושטעלן, ווײַל זיי האָבן געלייענט אויפן אָרט.

שאפטלעכע ביבליאָטעקן, אָבער דער אמתדיקער אויפבלי איז געקו־מען אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט זענען געגרינדעט געוואָרן די מערסטע ביבליאָטעקן, וואָס זייער קיום האָט געדויערט ביזן גרויסן אומקום.

## פאַר דער מלחמה

ביז דעם יאָר 1939 האָבן אין ווארשע עקסיסטירט ארום 50 ייִדישע ביבליאָטעקן. אונטער דער דעפיניציע „ייִדישע ביבליאָטעקן" ווערן דאָ פאַרשטאַנען ביבליאָטעקן, וועלכע האָבן געהערט צו ייִדי־שע איינגנטימער (פּערזאָנען אָדער אינסטיטוציעס), האָבן באַדינט ייִדישע לעזער און פאַרמאָגט אַן אָפּטיילונג פון העברעיִשע אָדער ייִדישע ביכער. עס ווערן אַלזאָ נישט גענומען אין אכט אַ רײַ פּרי־וואַטע לײַ־ביבליאָטעקן, וואָס האָבן געהערט צו ייִדן, באַדינט ס׳רוב ייִדן, אָבער פאַרמאָגט בלויז פּוילישע אָדער פרעמדשפּראַכיקע בי־כער. עס ווערן אויך נישט גענומען אין אכט ביבליאָטעקן, וועלכע האָבן געהאַט אַ ייִדישע אָפּטיילונג (צ״ב די פּוילישע נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק) האָבן אָבער צו ייִדן נישט געהערט. די 80 ביבליאָ־טעקן זענען געווען די ווײַטערדיקע: *)

חוץ די 50 ביבליאָטעקן פון דער טאַבעלע, האָבן נאָך אין ווארשע עקסיסטירט עטלעכע קלענערע ביבליאָטעקן, צו וועלכע עס איז גע־לונגען צו צוקומען שוין נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט. וועגן זיי וועט נאָך דערמאָנט ווערן. אויסער דעם זענען דאָ נישט באַשריבן געוואָרן די פּריוואַטע זאַמלונגען פון אַ רײַ ייִדישע געלערנטע און זאַמלער ווי: פּראָפעסאָר באַלאַבאַן, שאָר א״א. ס׳זענען אויך נישט אַרומגע־נומען געוואָרן ביכער־זאַמלונגען פון ריין־רעליגיעזן כאַראַקטער בײַ שולן און בתי־מדרשים. אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע בילדן די ביכער זאַמלונגען פון ייִדישע לערן־אַנשטאַלטן, די מערסטע פון זיי האָבן קיין העברעיִשע אָדער ייִדישע ביכער נישט פאַרמאָגט. בלויז אין עטלעכע זענען אַזעלכע אָפּטיילונגען געווען.

---

באַמערקונג.*) אַלע טאַבעלעס און ציפערן זענען אָנגעגעבן לויט מײַן בראָשור: ב. טעמקין: „די ייִדישע ביבליאָטעק אין ווארשע אין ליכט פון ציפערן". סעפּאַראַט־אָפּדרוק פון „דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן" נמ׳ 6 ־ 7, 1934 ווארשע.

טאַבעלע 2

### יידישע שול - ביבליאָטעקן אין ווארשע

| ל״נ | שול | אַדרעס | צאָל ביכער: אַלגעמ. | העברעיִשע | יידישע | פּוילישע | אַנדערע | צאָל לייענער |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1. | סעמינאַר פאַר לערער פון רעליגיע | גענשע 9 | 4476 | 1595 | — | 2881 | — | 130 |
| 2. | תחכמוני סעמינאַר | גזשיבאָווסקע 29 | 1200 | 400 | 100 | 700 | — | 100 |
| 3. | גימנאַזיום „אסכלה" | טלאָמאַצקע 11 | 3921 | 1228 | — | 2483 | 210 | 360 |
| 4. | גימנאַזיום קרינסקי | מיאָדאָווע 7 | 3550 | 650 | 100 | 2240 | 560 | 225 |
| 5. | גימנאַזיום „חינוך" | אַגראָדאָווע 27 | 2739 | 696 | — | 1600 | 443 | 260 |
| 6. | גימנאַזיום „לאור" | נאַלעווקעס 2 | 2011 | 500 | — | 1400 | 111 | 152 |
| 7. | גימנאַזיום י. פינקעל | לעשנע 14 | 1849 | 79 | — | 1500 | 270 | 200 |
| 8. | גימנאַזיום „יהודיה" | דזשיקע 55 | 1597 | 660 | — | 737 | 200 | 220 |

## געניער אויסווייז פון יידישע ביבליאָטעקן אין ווארשע

### יודאַיסטישע ביבל.

1. יודאַיִסטישע ביבליאָטעק בײַ דער גרויסער סינאַגאָגע (טלאָמאַצקע 5) עקסיסטירט פונעם יאָר 1880. צאָל ביכער — 33.000. לײַטער משה ווייסבערג. אייגענע נעבײַדע מיט אַ לייען־זאַל.

2. יודאַיִסטישע ביבליאָטעק בײַ דער סינאַגאָגע „שערי־ציון" (פּאַוויע גאַס) צאָל ביכער — 1.700.

אַרבעטער ביבליאָטעקן.

### אַרבעטער ביבליאָטעקן

3. גראָסער ביבליאָטעק. (דזשיקע 50, שפּעטער לעשנע 13). צאָל ביכער — 20.000 אַנטשטאַנען פון פאַראייניקן די ווײַטערדיקע ביבליאָטעקן: א) ביבליאָטעק פון לאַנד־ראַט פון פּראָפ. קלאַסן־פאַר־איינען, ב) טראַנספּאָרט פאַראיין, ג) באַקלייד־פאַראיין, ד) מעטאַל־פאַראיין, ה) „יאַף" (ייִדישע אַרבעטער פּרוי), ו, ז) ביבל. פון צוויי אָוונט־שולן, ח) קינדער ביבליאָטעק א״נ פון שמואל האוז. לייטער: הערמאַן קרוק. („בונד") אַנטשטאַנען אין יאָר 1915.

4. ביבליאָטעק „דאָס לעבן" (דזשעלנע 32) צאָל ביכער 12.900; אַנשטאַנען בײַם טעקסטיל־פאַריין (קאָמוניסטן) אין יאָר 1918.

5. „הזמיר" (גענשע 14) צאָל ביכער 5000; לחתחילה בײַם פאַרבאַנד „הזמיר", שפּעטער איבערגענאַנגען צו פּועלי־ציון (צ. ס.). אַנטשטאַנען אין יאָר 1915.

6. „באָראָכאָוו־ביבליאָטעק" (קאַרמעליצקאַ 15, שפּעטער 4), צאָל ביכער 4000; אַנטשטאַנען אין יאָר 1919 (פּועלי־ציון לינקע) נאָך פאַר דער מלחמה קאָנפיסקירט דורך דער סאַנאַטאָרישער פּאָ־ליציי, די ביכער פאַרברענט.

7. „וויסן" (פּאַוויע 54), צאָל ביכער 2000. (קאָמוניסטן).

8. „פּראַגער גראַסער־ביבליאָטעק" (זאָמבקאָווסקאַ), צאָל בי־כער 1000 (בונד).

9. „י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק" (אָכאָטע), צאָל ביכער 800 (קאָ־מוניסטן).

10. ביבליאָטעק בײַם ספּאָרט־קלוב „זשאָר" (פּראַגע), צאָל ביכער 700 (פּועלי־ציון לינקע).

11. „י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק" (פּראַגע), צאָל ביכער 600 (קאָמוניסטן).

12. „י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק" (פּאָוואָנזעק), צאָל ביכער 450 (קאָמוניסטן).

13. ביבליאָטעק בײַם „יוגנבאַר" (זאַמענהאָף 6) צאָל ביכער 250 (פּועלי־ציון לינקע).

14. ביבליאָטעק בײַ דער „יוגנט" (זאַמענהאָף 29) צאָל ביכער 250 (פּועלי־ציון לינקע).

15. „מיכאַלעוויטש־ביבליאָטעק" (פּאָוואָנזעק), צאָל ביכער 200 (בונד).

## פאַראײנס־ביבליאָטעקן

16. קעגנזײַטיקע הילף פון קאָמיוואָיאַזשאָרן (לעשנאָ 14), צאָל ביכער 6.500; אנטשטאַנען ארום יאָר 1900.

17. קעגנזײַטיקע הילף פון סוחרים (אָרלע 6) צאָל ביכער 5.336; אנשטאַנען אדום יאָר 1900.

18. דרוקער־פאַראײן (דזשעלנע 33), צאָל ביכער 4.000;

19. אַרטיסטן־פאַראײן (לעשנאָ 2), צאָל ביכער 1.200.

20. צענטראַלער האַנטווערקער־פאַרבאַנד (ביעלאַנסקע 7), צאָל ביכער 900.

21. ליטעראַטן־פאַראײן (טלאָמאַצקע 13), צאָל ביכער 500.

## ציוניסטישע ביבליאָטעקן:

22. „מרכז" (ביעלאַנסקע 9), צאָל ביכער 3,000; עקסיסטירט זײַט יאָר 1917.

23. „התחיה" (זאַמענהאָף 13); צאָל ביכער 900.

24. „עקיבא" (קראָלעווסקע 49), צאָל ביכער 250.

25. „גורדוניה" (נאָוואָליפּקע 25), צאָל ביכער 200.

26. ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, סניף מאָקאָטאָוו־פּולאַווסקע, צאָל ביכער 275.

27. ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, סניף פּאָוואָנזעק־עלבלאָנסקאַ, צאָל ביכער 200.

28. ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, סניף טשערניאַקאָוו־טשערניאַק, צאָל ביכער 170.

29. ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, סניף פּעלצאָוויזנע, צאָל ביכער 100.

30. „הנוער הציוני", סניף פּעלצאָוויזנע, צאָל ביכער 130.

31. „החלוץ" (קאַרמעליצקע 29), צאָל ביכער 750.

32. „החלוץ הצעיר" (זאַמענהאָף 26), צאָל ביכער 350.

## מזרחיסטישע ביבליאָטעקן:

33. „החלוץ המזרחי" (זאַמענהאָף 7), צאָל ביכער 600.

34. „צעירי המזרחי" (קראָלעווסקע 43), צאָל ביכער 265.

35. „צעירי החלוץ המזרחי" (זאַמענהאָף 46), צאָל ביכער 250.

## אגודיסטישע ביבליאָטעקן:

36. „בנות אגודת ישראל" (טוואַרדע 35)), צאָל ביכער 600.

37. „צעירי אגודת ישראל" (טוואַרדע 35), צאָל ביכער 500.

38. „פּועלי אגודת ישראל" (דזשעלנע 20), צאָל ביכער 460.

## פּריוואַטע לײַ־ביבליאָטעקן:

39. „הומאַניטע" (לעשנאָ 14, צאָל ביכער 66.000, אײגנטימער פּסח קאַפּנער.

40. „פּאָוסטאַו" (טוואַרדע 10), צאָל ביכער 20.000.

41. „לעקטוראַ" (נאָוואָליפּקע 5), צאָל ביכער 12.000, אײגנטימער ברעסלער.

42. „וועדבום" (מאַריאַנסקע 2), צאָל ביכער 11.000, אײגנטימער קאַנטאָראָוויטש.

43. „הומאַניטע" (טאַרנאָווע 46), צאָל ביכער 10.000.

44. „גלאָריאַ" (שווינטאָיערסקע 21), צאָל ביכער 10.000.

45. „רענעסאַנס" (קאַרמעליצקע 30), צאָל ביכער 9.000.

46. „יוטשניאַ" (טשערניאַקאָווסקע 129), צאָל ביכער 9,000, אײגנטימער דולמאַן.

47. „פּאַליגלאָב" (זאַמענהאָף 13), צאָל ביכער 8.000.

48. „פּאַרנאַס" (נאָוואָליפּיע 15), צאָל ביכער 3.500.

## אַנדערע ביבליאָטעקן:

49. שפּיטאָל אויף טשיסטע, (דוואָרסקע 15), צאָל ביכער 2.000.

50. „דזשאָינט" (יאַסנע 11), צאָל ביכער 200.

אויסער די אויבן דערמאָנטע האָבן נאָך עקסיסטירט אין יענער צײַט קינדער־ביבליאָטעקן א"נ פון שאַרלאָטאַ ביעלאוסאָווא, וואָס אַ פאָטער פון אַ טראַגיש אומגעקומענער טאָכטער האָט געגרינדעט לכבוד איר אָנדענק; אסימילאַטאָרישע ביבליאָטעקן „דת" (וויעדזאַ אויף פּשעכאָדניע 1. ליקווידירט זענען דעמאָלט שוין געווען: די ביבליאָטעק פון חובבי שפת עבר (פּשעיאַזד 5), פּריוואַטע לײַ־ביבליאָטעקן — „קולטורא" און ווײַנערס. קאָנפיסקירט איז געווען די לעצטנס קאָמוניסטישע ביבילאָטעק פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע־פאַראײן אויף זשעלנע 25.

## בעת דער מלחמה:

באַלד נאָכן אַרײַנקומען פון די היטלעריסטן קיין וואַרשע זענען אַלע יידישע ביבליאָטעקן פאַרמאַכט געוואָרן. אין עטלעכע חדשים אַרום, אָנפאַנג 1940, האָבן אַ טייל פּריוואַטע לײַ־ביבליאָטעקן באַקומען אַ דערלויבעניש צוריק צו ווערן טעטיק, מיט דעם באַדינג אַרויסצוּוואַרפן אַלע אַנטיהיטלעריסטישע און אויך פרעמדשפּראַכיקע ביכער. פּוילישע ביבליאָטעקן האָבן דעמאָלט באַקומען אַ באַפעל אַרויסצוּוואַרפן אַלע ביכער פון „נישט־אַרישע" שרײַבער. אין יענער צײַט איז אין די עטלעכע געעפנטע ביבליאָטעקן געווען אַ גאָר גרויסע באַוועגונג, ווײַל גלײַכצײַטיק האָבן די היטלעריסטן פאַרבאָטן ייִדן צו געניסן פון אַלע פּוילישע ביבליאָטעקן. די גאַנץ געבליבענע נעזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן (אַ טייל פון זיי, צ"ב „הזמיר", זענען פאַרניכטעט געוואָרן בעת דער באַלאַגערונג פון וואַרשע) האָבן דערווײַל זיך נישט באַמיט צו באַקומען אַ דערלויבעניש, ווײַל מען האָט זיך געשראָקן פאַר רעפּרעסיעס און פאַר רעקאָנספּירירן טוערס פון פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. אין אַ קורצער צײַט (פרילינג 1940) האָט מען סײַ ווי סײַ פאַרמאַכט אַלע טעטיקע פּריוואַטע לײַ־ביבליאָטעקן און די ביכער פון זיי צוגענומען. צו יע־

נער צײַט האָט מען אויך קיין דײַטשלאַנד אַוועקגעפֿירט אַלע ביכער פֿון דער יודאַיִסטישער ביבליאָטעק אויף טלאָמאַצקע. די אַנדערע נישט־טעטיקע געזעלשאַפֿטלעכע ביליאָטעקן האָט מען דערווײַל נישט גערירט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומלעגאַלע ביבליאָטעקן־באַוועגונג. ס'האָט זיך געשאַפֿן אַ גאַנצע נעץ פֿון קליינע ביבליאָטעקלעך, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט צו עטלעכע הונדערט ביכער. געשאַפֿן האָבן זיי מערסטן טייל צוליב פּרנסה־צוועקן געוועזענע אייגנטימער אָדער מיטאַרבעטער פֿון ביבליאָטעקן, וועלכע ס'איז געלונגען אָנצוזאַמלען אַ ביסל ביכער, אָפּגענומען פֿון לייענער, אָדער אַרויסגעגנבֿעטע פֿון די פֿאַרמאַכטע ביבליאָטעקן. אויך אַ טייל לערער האָבן אויף אַזאַ אופֿן אַקטיוויזירט שול־ביבליאָטעקן. איינע אַזאַ ביבליאָטעק איז געווען אויף אָגראָדאָווע 33 אין דער דירה פֿון פֿרוי קאַלעצקאַ, לייטערן פֿון אַ באַקאַנטער מיטל־שול פֿאַר מיידלעך. דאָס איז געווען אַ גרעסערע ביכער־זאַמלונג מיט קאַטאַלאָגן און אַנדערע אײַנריכטונגען. מען האָט געמוזט אַרײַנגיין דאָרט פֿאָרזיכטיק, די ביכער ברענגען פֿאַרהילט, מען זאָל אין גאַס נישט זען וואָס מען טראָגט. ס'רובֿ ביבליאָטעקלעך זענען געווען מינים וואַנדער־ביבליאָטעקן; די אייגנטימער זענען אַרומגעגאַנגען איבער די דירות פֿון די לייענערס, טראָגנדיק אין אַ טעקע עטלעכע ביכער, און אַזוי זיי געטוישט.

די גרעסטע, אָבער, ביכער־זאַמלונגען אין געטאָ זענען געווען געזעלשאַפֿטלעכע. די ביבליאָטעק אונטער דער לייטונג פֿון לייב שורס (געוועזענער אייגנטימער פֿון פֿאַרלאַג „טאַמאַר" אין ווילנע) אין זײַן דירה אויף לעשנאָ 56 און די צענטראַלע קינדער־ביבליאָטעק בײַם „צענטאָס" (קינדער־שוץ־אָרגאַניזאַציע) אויף לעשנאָ 67 אונטער מײַן לייטונג. אין שורס דירה האָבן זיך געפֿונען אַרום 12־1500 ביכער, וועלכע זענען גענומען געוואָרן טיילווײַז פֿון „גראָסער־ביבליאָטעק" (אַרויסגעגנבֿעט דורך אַ פֿענצטער פֿונעם קעלער אונטער דער ביבליאָטעק, ווו זיי זענען געלעגן פֿאַרחתמעט), טיילווײַז פֿון דער ביבליאָטעק „דאָס לעבן" באַקומען אַ דערלויבניש צו עפֿענען די טיר פֿון דער פֿאַרחתמעטער ביבליאָטעק אין פֿרילינג 1942, מיט אַ תּירוץ, אַז עס פֿעלן דירות אין געטאָ, דאַרף מען די ביכער פֿאַרקויפֿן און ליידיק מאַכן די צימערן; (געקויפֿט פֿאַר געלט פֿון ייִד. געז. אַליינהילף האָט שור). אַחוץ די ביידע ביבליאָטעקן האָט שור נאָך געשאַפֿן קלענערע ביכער־זאַמלונגען פֿון פּריוואַטע פּערזאָנען, וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿון וואַרשע און אויך אײַנגעקויפֿט זעלטענע ביכער אין גאַס.

געהאָלפֿן שורן בײַם קאַטאַלאָגירן די ביכער האָט זײַן פֿרײַנד און שכן מאַכלים, אַ געוועזענער זעצער פֿון „הײַנט". איך געדענק אַ מוסטערהאַפֿטן קאַטאַלאָג פֿון ייִדישער דיכטונג, געמאַכט לויט אַלע כּללים פֿון ביבליאָגראַפֿישער קונסט, וועלכן מאַכלים האָט אויסגעצאַצקעט מיט זײַן ווונדערלעך שיינעם כּתב. ביידע האָבן דערפֿון קיין גענוגנדיקע פּרנסה נישט געהאַט, געהונגערט און געפֿרוירן. די ביכער האָבן פֿאַרנומען דעם גאַנצן צימער וואָס איז זיי געבליבן, אין קיך איז געלעגן די אַלטיטשקע פּאַראַליזירטע מוטער פֿון שורן; זענען זיי ביידע געשלאָפֿן אין קאָרידאָר.

אין בעסערע באַדינגונגען האָט זיך געפֿונען די צענטראַלע קינדער־ביבליאָטעק פֿון „צענטאָס". אַ לאַנגע צײַט איז זי, וואָס אַן אמת, געווען אין עטלעכע וואַליזקעס אין אַ קאָרידאָר פֿון „צענטאָס", אָבער בײַם פֿאַרמאַכן דאָס געטאָ, בעת אַרויסגיין פֿון פּוילישע אינסטיטוציעס, וואָס זענען געלעגן אין די ראַמען פֿון געטאָ, איז מיר געלונגען פֿאַרנעמען אַ לאָקאַל פֿון אַ שטאָטישער לײַ־ביבליאָטעק אויף לעשנאָ 67 און דאָרט אַריבערגעטראָגן די פֿאַר הונדערט ביכער, וועלכע זענען צוליב לעגאַליזאַציע־טעמים געזאַמלט געוואָרן ווי „שפּילצײַג און ביכלעך" פֿאַר אָרעמע קינדער אין די ראַמען פֿון אַן אַלגעמיינער זאַמלונג פֿון מלבושים און זאַכן פֿאַר פּליטים און נשׂרפֿים. די צאָל ביכער איז כּסדר געוואַקסן. צוגעקומען זענען מיט דער צײַט אָפּגעפֿונענע רעשטלעך פֿון די ווײַטערדיקע ביבליאָטעקן: פֿון „פֿאַרבאַנד פֿון קאָמיוואָיאַזשאָרן" (לעשנע 14, שפּעטער 13), רעשטלעך פֿון דער קינדער־ביבליאָטעק א"נ שאַרלאָטאַ ביעלאָוסאָוואַ (קאַפּוציִנסקע 11), וועלכע האָבן זיך אָפּגעפֿונען פֿאַרפֿוילטע און צעריסענע, נאָך לאַנגע זוכענישן ערגעץ אין אַ פּאָלקסקיך אויף טוואַרדע 15; רעשטלעך פֿון דער ביבליאָטעק „דת" (פּשעכאָדניע 11), אָפּגעפֿונען אין קעלער פֿון האַנטווערקער־שול סטאַווקע 24. אויסער דעם האָבן אין פֿאַשידענע צײַטן געשאָנקען ביכער צו קינ־



דער־אָפּטיילונגען בײַ הויז־קאָמיטעטן (כ'געדענק, אַז עטלעכע צענדליק ביכער האָבן געבראַכט די קינדער פֿון אָגראָדאָווע 29, מיטן ייִנגל פֿעלעק נאָס בראש), סײַ איינצלנע קינדער, ווי צ"ב די טאָכטער פֿון פֿרוי צעציליאַ סלאָפּאַק. אַ טייל ביכער איז געוואָרן געקויפֿט אויף דער גאַס.

צו יענער צײַט, ווען אויסער ביבליאָטעקן זענען אויך געווען פֿאַרמאַכט די בוכהאַנדלונגען, האָט דער גאַנצער ביכער־האַנדל זיך אַריבערגעטראָגן אויף דער גאַס. דער הויפּט־צענטער פֿון דעם האַנדל האָט זיך געפֿונען אויף נאָוואָליפּקע (דער אָפּשניט צווישן זאַמענהאָף און קאַרמעליצקע). דאָרט זענען געשטאַנען מיט וועגעלעך און טישלעך אַ 10 ביכער־סוחרים, געוועזענע בוכהענדלער און פֿאַרלעגער, דאָרט, לעבן נר. 10, איז געשטאַנען מײַן הויפּט־ליפֿעראַנט גאָלדפֿאַרב. אויפֿן ראָג קאַרמעליצקע זענען געשטאַנען צוויי ייִנגלעך, וועלכע האָבן געהאַט אַ סך קינדער־ביכלעך און אַלע מאָל מיר געזאָגט, צו דאָס ביכל איז אינטערעסאַנט און צו ס'וועט געפֿעלן די קינדער. אויף דער אַנדערער זײַט גאַס איז געשטאַנען מיט העברעיִשע ביכער אַ שרײַבער און פּעדאַגאָג (זײַן נאָמען געדענק איך נישט). אויך אויף אַנדערע גאַסן האָבן זיך געפֿונען איינצלנע ביכער־פֿאַרקויפֿער. אויפֿן ראָג לעשנע־אָרלע איז געשטאַנען אַ באַקאַנטער אַנטיקוואַר פֿון שוויענטאָקזשיסקע, קליינזינגער. פֿאַרקויפֿט ביכער האָט מען אויף גזשיבאָווסקע לעבן טשעפּלע און אויך טוואַרדע לעבן מאַריאַנסקע. אַ גרויסער ביכער־לאַגער האָט זיך געפֿונען ערגעץ אויף קראָכמאַלנע. פֿיל פֿאַראָרעמטע מענטשן האָבן אויספֿאַרקויפֿט זייערע פּריוואַטע זאַמלונגען פֿאַר גראָשנס. בײַ דעם גרויסן יקרות אין געטאָ האָבן גאָר ביכער געקאָסט פֿיל ביליגער ווי פֿאַר דער מלחמה. פֿאַרשידענע אוצרות האָבן זיך פּשוט געוואַלגערט אין די גאַסן.

די צאָל לעזער אין שורס ביבליאָטעק איז נישט געווען גרויס, אָבער כּמעט אַלע געזעלשאַפֿטלעכע און יוגנט־טוערס, אַלע וויסנשאַפֿטלער, האָבן בײַ אים גענומען ביכער. די צאָל ביכער אין דער קינדער־ביבליאָטעק האָט צום סוף דערגרייכט ביז 5.000. אַ לאַנגע צײַט האָט די ביבליאָטעק עקסיסטירט אומלעגאַל אונטער דעם נאָמען פֿון אַ „קאָמיסיע פֿאַר קינדער־פֿאַרווײַלונגען בײַם צענטאָס". דער לאָקאַל איז געווען פּאַסיק דעקאָרירט. אויף די פּאָליצעס מיט ביכער זענען געשטאַנען ליאַלקעס און כּלערליי שפּילצײַג. איבעריקנס האָט טאַקע אין דעם זעלבן לאָקאַל געאַרבעט די טעאַטער־קאָמיסיע פֿון „צענטאָס", אונטער דער אָנפֿירונג פֿון קלימאַ פֿוסווערק, אַ וואַרשטאַט פֿון ליאַלקעס־טעאַטער (תּיאַטרון הבובות) און עס זענען פֿאָרגעקומען פּרוּוון פֿון קינדער־טעאַטער און אַפֿילו קלענערע פֿאָרשטעלונגען.

די ביבליאָטעק האָט פֿון אָנהייב צוליב לעגאַליטעט־טעמים, באַדינט בלויז אָנשטאַלטן פֿון „צענטאָס", ווי: יתומים־הײַזער, קינדערקיכן, האַלב־אינטערנאַטן פֿאַר א"ג גאַסן קינדער (בעטלענדיקע), קינדער־ווינקלען בײַ פּליטים־פּונקטן, קינדער־שפּיטאָל, קאַראַנטין־קינדער (פֿאַר די לעצטע האָבן מיר געהאַט באַזונדערע ביכער, כּדי נישט אָנצושטעקן אַנדערע קינדער). די צאָל קינדער־אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן אַרויסגעבאָרגט ביכער־קאָמפּלעטן, (10־20 ביכער) האָט דערגרייכט 50. שפּעטער, ווען זומער 1941 זענען ענדלעך די ביבליאָטעקן און אויך אַנדערע ביבליאָטעקן לעגאַליזירט געוואָרן, האָבן דאָרט אָנגעהויבן אַרויסבאָרגן ביכער אויך אינדיווידועלע לייענערס. זייער צאָל האָט אין אַ קורצער צײַט, דערגרייכט 700. מער האָט שוין די ביבליאָטעק נישט געקאָנט באַדינען, בפֿרט אַז יעדעס קינד האָט געהאַט דאָס רעכט אויסצובאָרגן גלײַכצײַטיק 2 ביכער, אַ ייִדיש'ס און אַ פּויליש'ס, דער אָפּצאָל איז געווען אַ מינימאַלער; אַ טייל קינדער האָבן בכלל נישט געצאָלט. די ביבליאָטעק האָט דעמאָלט אָנגעהויבן אָנצונעמען קודם כּל אָרעמע קינדער און די פֿאַרמעגלעכע אָפּגעשיקט אין אַ פּריוואַטער קינדער־ביבליאָטעק פֿון פֿרוי סטעפֿאַ וואָרטמאַן אויף עלעקטאָראַלנע.

די קינדער־ביבליאָטעק האָט אַרום זיך געזאַמלט אַ ריי געטרײַע פֿרײַנד, קינדער און דערוואַקסענע. וועגן קינדער, זאַמלער פֿון ביכער, איז שוין געוואָרן דערמאָנט, אָבער אַחוץ די, האָבן אַנדערע קינדער און יוגנט מיטגעאַרבעט טאָג־טעגלעך, בײַם דעקאָרירן דעם לאָקאַל, מאַכן קאַטאַלאָגן (אַ טייל קאַטאַלאָגן פֿאַר ייִנגערע קינדער זענען געווען אילוסטרירט), פֿאַרריכטן און בינדן די צעריסענע ביכער, אַרומגיין צווישן די לייענער און אויפֿמאָנען די איבער־

געהאַלטענע ביכער (אָפט נישט אָפּגעגעבן צוליבן פעלן פון מלבושים, קרענק, טויט) און פשוט געהאָלפן בײַם אַרויסגעבן ביכער. די געטרײַסטע מיטאַרבעטער זענען געווען: סאַבטשע (שיינדל) בייטעל, רוזשיטשקאַ שוואַרצבערג, פאָלאַ (פערעלע) ביללאַווער, שולמית בראַטשטיין. ווען די ביבליאָטעק האָט מיט דער צײַט זיך שוין געקאָנט דערלויבן אויף אַ געצאָלטער הילף, איז אנגאַזשירט געוואָרן ווי מײַן געהילף די סטודענטן פון ביבליאָטעקאַרן־סטודיום אסתר קאַנאַוויטש. אחוץ די אויסגערעכנטע האָבן פיל אַנדערע קינדער לייענערס גערן געהאָלפן בײַ פאַרשידענע אַרבעטן.

פון דערוואַקסענע פרײַנד פון דער ביבליאָטעק, וועלכע האָבן געהאָלפן מיט ביכער, געשאַפן מאַטעריעלע אונטערשטיצונג און מיטגעאַרבעט פעדאַגאָגיש בײַם אײַנאָרדענען ליטעראַרישע פּרימאָרגנס, אויף וועלכע מען האָט געלייענט פאַר די קינדער פראַגמענטן און דערציילונגען פון די בעסטע ייִדישע שרײַבער, דאַרף מען דערמאָנען די פרײַנד ראָזאַ פימכאָוויטש (נאָר איר טויט אויף טיפוס, סוף 1941 איז די ביבליאָטעק אָנגערופן געוואָרן אויף איר נאָמען), די שריפטשטעלערין רחל אויערבאַך, די לערערין מינאַ אַבעלמאַן־ליבענשטיין; יחזקאל בראַטשטיין, שמואל ווינטער, יוסף יאַשונסקי, ישראל ליכטענשטיין, נתן סמאַלאַר, פּייוול ראַוויצקי און לייב שור, וועלכער האָט פון די געזאַמלטע ביכער איבערגעגעבן מיר אַלע פּאַסיקע פאַר קינדער און טאָג־טעגלעך באַזוכט די ביבליאָטעק.

צו באַוווּנדערן איז געווען דער דורשט נאָך וויסן, וואָס עס האָבן אַרויסגעוויזן ייִדישע קינדער אין יענער שרעקלעכער צײַט. בכלל האָט מען אין געטאָ־וואַרשע אַ סך געלייענט. פאַרשפּאַרטע צוליב דער פריִער פּאָליציי־שעה — גאַנצע אָוונטן אין די שטיבער אָפּגעריסן פון די מערסטע קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען — האָבן מענטשן זייער פיל געלייענט. אין אַ טייל הײַזער האָבן הויז־קאָמיטעטן אָרגאַניזירט אַן אויסטויש פון ביכער צווישן די אײַנוווינער. אָבער צום ערגסטן אויסגעהונגערט אויף ביכער זענען געווען קינדער, וועלכע האָבן עטלעכע יאָר נישט געהאַט קיין שולן. אויב געליטן האָבן אַפילו די פאַרמעגלעכע קינדער, וועלכע האָבן נאָך געהאַט זייערע היימען, שפּילצײַג און ביכער, איז שוין גאָר שרעקלעך געווען דער גורל פון די אָרעמע קינדער פון פּליטים און נשרפים. גאַנצע ווינטערס האָבן זיי אָפּגעשוואַרצט, אײַנגעוויקעלטע אין שמאַטעס, אויף די הוילע ברעטער פון די פּליטים־פּונקטן, אָדער אין זייערע אָרעמע היימען, פון וועלכע מען האָט שוין אויספאַרקויפט דאָס לעצטע קישן. דאָס בוך איז פאַר די קינדער געווען כמעט טויש ביכער פאַר זייערע שכנים, וועלכע האָבן נישט געהאַט וואָס אַזוי נייטיק ווי ברויט, אָפט מאָל זענען געקומען קינדער „דעלעגאַטן" אָנצוטאָן. בכלל זענען ס'רוב קינדער געגאַנגען פאַנטאַסטיש געקליידעט אין עפּעס טיכער, קאָלדרעס, שמאַטעס. אָבער געקומען אין ביבליאָטעקן זענען זיי כמעט אַלע טאָג און געבעטן „אַ שיין ביכל, כ'זאָל פאַרגעסן אין הונגער".

דער סוף פון אַלע קינדער כמעט איז פאָרגעקומען אין יולי 1942. אין די ערשטע טעג פון דער פאַרניכטונג זענען נאָך אייניצלנע קינדער, וואָס האָבן געהאַט דעם טאַטנס „אַ גוטן אויסווייז" פון די דײַטשן, געקומען אין ביבליאָטעק. אָבער אויף דער צווייטער וואָך האָט זיך שוין קיין לעבעדיק קינד נישט באַוויזן אין גאַס. ווען לעשנע איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פונעם געטאָ, האָב איך נאָך פּרובירט אַריבערפירן די ביכער אויף גענשע, אין אַ דירה וועלכע ס'האָט מיר געגעבן י. יאַשונסקי. אָבער די גאַנצע מי איז געווען אומזיסט. דעם זעלבן טאָג איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד לייב שור, ווען מען האָט זײַנע ביכער אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער.

## נאָך דער מלחמה:

אין די ערשטע טעג נאָך די באַפרײַונג האָט זיך אויסגעדאַכט אַז ס'איז נישט געבליבן קיין איין ייִדיש בוך. אָבער שוין אין אַ צײַט אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס'איז נישט אינגאַנצן ריכטיק, אַ טייל ביכער זענען ניצול געוואָרן על פּי צופאַל, אַנדערע האָבן די דײַטשן געשווינט, וועלענדיק זיי אַפּנים נאָך דער מלחמה פאַרקויפן.

שוין סוף יאַנואַר 1945 האָבן זיך אין לובלין, אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק א"נ פון לאָפּאַטשינסקי, אָפּגעפונען 59 קאַסטנס און אַ סך לויז אָנגעשאָטענע ספרים, וועלכע זענען אַפילו געווען טיילווײַז קאַטאַלאָגירט און צוגעגרייט אַרויסצושיקן קיין דײַטשלאַנד. אין פעברואַר האָב איך זיך דערוווּסט אַז אין לאָדזשער־געטאָ וואַלגערן זיך ביכער אין די גאַסן. אַפילו אין פאַרברענטן וואַרשע האָב איך אין מערץ אָנגעטראָפן אויף אַ געוויסע צאָל ביכער אין די קעלערן פונעם קלויסטער (כנסיה) פון הייליקן אויגוסטין אויף נאָוואָליפּקע.

גלייבנדיק אַז מען קען נאָך פיל ביכער אָפּגעפינען, האָב איך פאָרגעלייגט דעם ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט צו שאַפן אַ צענטראַלע ביבליאָטעק, וועלכע זאָל זיך שטעלן פאַר אַן אויפגאַבע אָפּצוראַטעווען און צונויפצוזאַמלען אַלע פאַרבליבענע אין פּוילן ייִדישע ביכער.

אָנהייב אַפּריל 1945 איז דער פּראָיעקט פון שאַפן אַ צענטראַלע ייִדישע ביבליאָטעק אין וואַרשע באַשטעטיקט געוואָרן. ס'איז אָבער נישט געווען קיין לאָקאַל און אַ יאָר צײַט זענען די געזאַמלטע ביכער אָפּגעלעגן אין אַ קליין צימערל פון ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט אויף שעראָקע 31, ווו ס'איז שווער געווען זיי צו קאַטאַלאָגירן און באַאַרבעטן. צוליב דעם האָט זיך אויך פאַרשלעפּט דער ענין פון אָפּנעמען גרויסע צאָלן ייִדישע ביכער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעפונען אין פאַרשידענע פּוילישע ביבליאָטעקן. מיר האָבן זיי צײַטווײַליק פאַרזיכערט אויף די ערטער. לויטן באַפעל פון בילדונגס־מיניסטעריום האָבן אַלע ייִדישע ביכער געהערט צו דער צענטראַלער ביבליאָטעק. ס'איז אַ געוויסע צײַט אָנגעגאַנגען אַ שטרײַט מיט דעם פאַרבאַנד פון ייִדישע רעליגיעזע קהילות אין פּוילן, וועלכער האָט געהאַלטן אַז די רעליגיעזע ספרים געהערן צו אים. אַזוי ווי, אָבער, אין ערגעץ זענען די וועלטלעכע און רעליגיעזע זאַמלונגען נישט געווען אָפּגעטיילט, האָב איך מורא געהאַט אַז בײַ דער קאָנקורענץ פון צוויי צדדים קאָנען בכלל פיל ביכער פאַרפאַלן ווערן. כ'בין, דעריבער, אַדורכגעקומען מיט דעם פאַרבאַנד אַז אָפּנעמען אַלע ביכער וועט די צענטראַלע ביבליאָטעק און שפּעטער וועט מען בשותפות זיי פאַרטיילן. דער פאַרבאַנד האָט דעלעגירט אין ביבליאָטעק זײַן פאָרשטייער, פריִער הער זילבערינג, שפּעטער הער לייב ביאַלער. וועגן דעם איז געמאָלדן געוואָרן דעם בילדונגס־מיניסטעריום און פון דעמאָלט אָן איז די קאָנצענטראַציע פון די ביכער פאָרגעקומען אָן שום שטערונגען.

אויסער ביבליאָטעקן האָבן זיך געמאָלדן פיל פּערזאָנען, וואָס האָבן געהאַט אויסבאַהאַלטן ייִדישע ביכער און איצט זיי אָפּגעגעבן. אין געוויסע פאַלן, אָבער זעלטן, האָבן מיר אויסגעצאָלט קליינע געלט־פּרעמיעס פאַר די אָפּגעגעבענע ביכער.

פרילינג 1946 איז די ביבליאָטעק אַריבערגעגאַנגען אין אַ ספּעציעלן לאָקאַל (4 צימערן) אויף פּאָזנאַנסקע 3. אין קורצן איז דער קאָמיטעט צוגעטראָטן צו רעמאָנטירן די געביידע פון דער אַמאָליקער יודאַיִסטישער ביבליאָטעק אויף טלאָמאַצקע 5. אָנהייב 1947 זענען אַלע אָפּגענומענע ביכער שוין דאָרט אַוועקגעפירט געוואָרן און אין זומער 1948 האָט זיך די גאַנצע ביבליאָטעק אַהין אַריבערגעטראָגן. בסך־הכל זענען ביזן יאָר 1948 געזאַמלט געוואָרן 120.000 בענד פון וועלכע אַ טייל זענען געבליבן אין וואַרשע (אַרום 30.000), אַ טייל זענען פאַרטיילט געוואָרן אין פאַרשידענע שטעט צווישן אָרטיקע ביבליאָטעקן (אַרום 10.000) אָבער די גרעסטע צאָל פון רעליגיעזע ספרים (אַרום 80.000) איז איבערגעגעבן געוואָרן ווי אַ מתנה דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים — אין יאָר 1948 — 66.438, אין יאָר 1949 אַרום 14.000.

## די ביכער זענען געפונען געוואָרן אויף די ווייטערדיקע ערטער:

1) לובלין: שטאָטישע ביבליאָטעק א"נ פון לאָפּאַטשינסקי, נאַראָטאָוויטשאַ 4. געפונען און פאַרזיכערט — יאַנואַר 1945, אָפּגענומען 1947. — 1 וואַגאָן ביכער פון ישיבת חכמי לובלין און פּריוואַטע זאַמלונגען.

2) לאָדזש: געטאָ, געקליבן אין די הײַזער און אויף די גאַסן, אין מערץ־אַפּריל 1945. ביכער פון באַראַכאָוו־ביבליאָטעק און אַנדערע.

3) וואַרשע: קלויסטער פון הייליקן אויגוסטין אויף נאָוואָליפּקע, ביכער פון גימנאַזיום „אסכלה" און „חינוך", יודאַיִסטישן אינסטיטוט, שפּיטאָל אויף טשיסטע.

4) כעלם: ביכער פון „פּרץ־ביבליאָטעק".

5) פּרושקאָוו: געפונען אין געביידע פון שטאָט־ראַט, די ביכער האָבן געהערט צו אַן אָרטיקן יידישן בעקער י. באָרנשטיין.

6) וואַרשע: זשאָליבאָרזש, ביכער מיט אַ חתימה ב. מיכאַלעוויטש.

7 )וואַרשע: געפונען אין אַ קעלער דזשעלנע 25, ווו זיי זענען אָפּגעלעגן אַרום 15 יאָר. די ביכער שטאַמען פון דער קאָנפיסקירטער ביבליאָטעק פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע־פאַראיין.

8) פּויזן: די אוניווערסיטעט - ביבליאָטעק האָט געפונען אין די קלויסטערס יידישע ביכער וואָס שטאַמען פון לאָדזש און א"ג „וואַרטענאַו" — 4 וואַגאָן.

9) קראָקע: די יאַגעלאָנער ביבליאָטעק האָט געפונען אַרום 10.000 יידישע ביכער ס'רוב פון קראָקע און אַרומיקע שטעט.

10): קראָקע: אין שלאָס וואַוועל האָבן זיך אָפּגעפונען (טייל־ווייז צוריקגעברענגט פון בייערן) אַרום 5.000 יידישע ביכער.

11) וואַרשע: אין דער סיים (פּאַרלאַמענט)־ביבליאָטעק האָבן זיך צווישן די אָפּגענומענע ביכער אין דייטשלאַנד געפונען יידישע, אַרום 5.000, פון יודאַיִסטישע ביבליאָטעקן אין וואַרשע און וורָאָצלאַוו.

12) וואַרשע: אין דער פּוילישער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק האָבן זיך אָפּגעפונען ביכער פון אַ טייל וואַרשעווער יידישע פּריוואַטע ליי־ביבליאָטעקן, קאָנפיסקירטע אין יאָר 1940.

אויסער דעם זענען געזאַמלט געוואָרן קלענערע צאָלן פון טייל מאָל זייער ווערטפולע ביכער. אויך פון אויסלאַנד זענען אָנגעקומען מתנות: אין יאָר 1946 פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין אַמעריקע אַרום 5.000 בענד, שפּעטער פון פּראָטערנאַלן פאָלקס־אָרדן אַרום 200; פון יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע אַרום 500; יידישן וועלט־קאָנגרעס אין ענגלאַנד — 238 ביכער; יידישן וועלט־קאָנגרעס אין קאַנאַדע — 3.500 ביכער.

דעם קולמינאַציע־פּונקט האָט די ביבליאָטעק דערגרייכט אין יאָר 1948, ווען אין די ראַמען פון 5טן יאָרטאָג פון געטאָ־אויפשטאַנד איז צווישן אַנדערע פייערלעכקייטן אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פּרעכטיקע „אויסשטעלונג פון אָפּגעראַטעוועטן יידישן בוך.

די אויסשטעלונג, וואָס איז באַזוכט געוואָרן דורך טויזנטער געסט, אויסלענדישע יידישע דעלעגאַטן און אָרטיקע אויספלוגן, האָט אַרומגענומען העכער 500 עקספּאָנאַטן און איז באַשטאַנען פון 5 אָפּטיילונגען:

## 1טע אָפּטיילונג: לזכרון פון פאַרניכטעטע יידישע ביבליאָטעקן און דערמאָרדעטע ביבליאָטעקאַרן.

זענען אין 3 גאַבלאַטן געזאַמלט געוואָרן ביכער מיט חתימות פון 75 יידישע ביבליאָטעקן פון וואַרשע, לאָדזש, לובלין, קראָקע און אַרומיקע שטעט.

## 2טע אָפּטיילונג: אַלטע העברעישע דרוקן.

אין 6 גאַבלאַטקעס האָבן זיך געפונען אַרום 100 זעלטענע אַלטע דרוקן, דרוקן פון 16טן, 17טן, 18טן יאָרהונדערט, וואָס שטאַמען פון איטאַליע, שפּאַניע (ספרד), טערקיי, האָלאַנד, טשעכן, דייטשלאַנד און אַ רייכע קאָלעקציע פון פּוילן: קראָקע, לובלין, טור־קאָ, זשולקעוו, נאָווידוואָר א"א ס'האָט זיך אפילו אָפּגעפונען איין ספר פון צפת. צו די זעלטנהייטן האָבן געהערט: אַן אַלטע אויסגאַבע פון תלמוד מיט



האַנט־שטרייכונגען פון דער דעמאָלטדיקער קאַטוילישער צענזור, אַ מחזור מיט קבלה־האַנט־צושריפטן, אַן אַלטער סידור פון וועלכן אויף האַלבע אָפּגענוצטע בלעטער איז געווען מיט קליינטשיקן כתב צוגעשריבן דער טעקסט א"א.

## 3טע אָפּטיילונג: ביכער, וואָס אילוסטרירן די אַנטוויקלונג פון וועלטלעכער יידישער ליטעראַטור.

אויף 6 טישן האָבן זיך געפונען אַרום 200 ביכער איינגעטיילט אויף ווייטערדיקן אופן:

א) די עלטסטע ביכער: צאנה וראנה, יוסף־שפּיל, גערייַמטע געשיכטן, עטינגערס סערקעלע, גאָלדפאַדנס כישופמאַכערן, לינעצקיס דאָס פּוילישע יינגל, ערשטע אויסגאַבעס פון דיק, שמ"ר, לאַטיינער א"א.
ב) קלאַסיקער און זייער דור — ערשטע אויסגאַבעס פון מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ, דינעזאָן און זייערע מיטצייטלערס;
ג) מאָדערנע ראָמאַנען און דערציילונגען;
ד) דיכטונג און דראַמע;
ה) זכרונות;
ו) וויסנשאַפטלעכע ווערק;
ז) איבערזעצונגען פון דער פּוילישער ליטעראַטור (מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי, שענקעוויטש, פּרוס, אָזשעשקאָוואַ, זשעראָמסקי, ריימאָנט, בזשאָזאָווסקי, בערענט, וויספּיאַנסקי, דזשעוויעצקי, קאָרטשאַק, גורסקאַ, טוווים א"א).

## 4טע אָפּטיילונג: ווערק פון 25 יידישע שרייבער, וואָס זענען אומגעקומען בעת דער נאַצי־הערשאַפט.

פּערלע, קאַציזנע, לערער, ליס, שימעל, האָראָנטשיק, הערשעלע, קיפּנים, רינגעלבלום, באַלאַבאַן, לינדער, אָסטערזעצער, פּרילוצקי, לעהמאַן, שיפּער א"א.

## 5טע אָפּטיילונג: ביכער וועגן קאַמף און אומקום

אין דער העברעיִשער און פּוילישער שפּראַך;
א) דאָקומענטאַלע אויסגאַבעס, מאָנאָגראַפיעס;
ב) זכרונות;
ג) ראָמאַנען, דערציילונגען, דיכטונג און דראַמע.

די אויסשטעלונג האָט געדויערט 2 חדשים. אַ טייל פון איר איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטענדיקער מוזעאַלער אָפּטיילונג פון דער ביבליאָטעק.

ס'איז כדאי צו באַמערקן אַז פון וואַרשעווער ביבליאָטעקן האָבן זיך אָפּגעפונען אַ טייל ביכער, די וויכטיקסטע: יודאַיִסטישע פון טלאָמאַצקע, יודאַיִסטישער אינסטיטוט, לערער־סעמינאַר אויף גענשע, „דאָס לעבן", „וויסן", „הומאַניטע", „רענעסאַנס", „פּאָליגלוב", „לעקטורא", „גלאָריא". אַפילו פון אַ קליין ביבליאָטעקל „יוטשניא" האָב איך אָפּגעפונען אַ טייל ביכער, אָבער דאָס שוין אין ירושלים, אין בוכהאַנדלונג אויף רחוב הנביאים.

---

שפּעטער, אין יאָר 1949, מיטן אָנפאַנג פון דער מאַסן־עליה פון פּוילן, וועלכע האָט שטאַרק פאַרקלענערט די באַוועגונג אין דער ביבליאָטעק, איז אויך ליקווידירט געוואָרן די צענטראַלע יידישע ביבליאָטעק ווי אַ באַזונדערע אינסטיטוציע. אַ טייל דובלעטן, וואָס זענען פריער געווען באַשטימט צום אַרויסבאָרגן לחוץ (די ביבליאָטעק האָט געהאַט לייענערס, וועלכע זי האָט באַדינט דורך פּאָסט) זענען צעטיילט געוואָרן אין אַנדערע שטעט. דער גרונט־ביכער־אוצר איז אָנגעשלאָסן געוואָרן אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט און געבילדעט זיין ביבליאָטעק.

בן חיים (בוענאס איירעס)

# די יידישע לעדער־ארבעטער אין ווארשע

## (זכרונות און עפיזאדן)

סוף פאריקן און אנהייב היינטיקן יארהונדערט, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען קאנגרעס־פוילן האט זיך געפונען אונטערן יאך פונעם צארישן רוסלאנד, איז די שיך־ און לעדער־אינדוסטריע אין פוילן געווען זייער אנטוויקלט. ווארשע, די הויפטשטאט פון קאנגרעס פוילן, איז געווען דער צענטער ווו עס זענען אויסגעארבעט געווארן גרויסע סכומים שיך און אנדערע לעדער־ארטיקלען פארן רוסישן מארק.

די פוילישע מענער־ און דאמען־שיך, שטיוול, שטיוועלעטן, געוואלקטע באליעווע̇ס, באסאקעס (זומערדיקע שטעקשיך), און פארשידענע גאלאנטעריי־ארטיקלען פון לעדער, ווי: דאמען־בײַטלען, מענערישע געלטבײַטלען, האנטטעקעס, פאסקעס, שעלקעס, הענטשקעס, וואליזקעס און רימערישע אויסארבעטונגען, זענען געווען בארימט אין גאנץ רוסלאנד. סוחרים, וואיאזשארן און פארטרעטערס פון גרויסע פירמעס פון די ווײַטסטע געביטן אין רוסלאנד האבן פארפלייצט די ווארשעווער האטעלן און אכסניות ווו זיי האבן אויפגענומען די פאבריקאנטן, מײַסטערלעך און מעקלערס פון אלע צווײַגן פון דער לעדער־בראנזשע, באטראכט די נײַע מאדעלן, אויסגעדונגען פרײַזן און געמאכט באשטעלונגען אויף א גאנץ יאר ארבעט.

אין דער גאנצער לעדער־בראנזשע זענען — מיט קליינע אויסנאמען פון פוילישע שוסטערס וואס האבן געארבעט פארן היימישן מארק און בײַ בעסערער ארבעט, לויט דער מאס (מ'האט זיי גערופן „שפילקאווע" שוסטערס) — געווען באשעפטיקט יידן, סײַ ווי פאבריקאנטן און קליינע מײַסטערלעך און סײַ ווי ארבעטער. די געגריוועטע שוסטערס, קאמאשן־מאכערס, באסאק־מאכערס, בײַטל־מאכערס, ארבעטער בײַ הענטשקעס און שעלקעס, רימערס און וואליזקע־מאכערס, זענען געווען בלויז יידן. א סך צענדליקער טויזנטער יידישע ארבעטער אין ווארשע און אויך אין אנדערע קליינע שטעטלעך אין פוילן זענען געווען באשעפטיקט בײַ דער לעדער־בראנזשע. אין אזעלכע שטעטלעך ווי לוקאוו, קאזשעניץ, שעדלעץ א"א זענען כמעט אלע יידישע איינוווינערס געווען לעדער־ארבעטער. אין יענער צײַט איז טאקע די לעדער־אינדוסטריע אנגערופן געווארן די „יידישע שווערע אינדוסטריע אין פוילן".

---

דער עלעמענט פון די יידישע לעדער־ארבעטער אין פוילן בכלל און אין ווארשע בפרט האט געשטאמט פון פארשידענע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג. בײַ די אזוי גערופענע לײַכטערע און איידעלע פאכן ווי קאמאשן־מאכערס, בײַטל־מאכערס א"א זענען געווען באשעפטיקט די „בעל־הביתשע קינדער", „די זײַדענע „יונגע־לײַטלעך", ווי מען פלעגט זיי רופן. זיי זענען געקומען פון מיטלקלאס, פון האלב פארמעגלעכע חסידישע עלטערן, האבן נישט געוואלט מער לערנען אין דער ישיבה, אין בית־המדרש אדער אין חסידים־שטיבל. אנדערע זענען געווען חתונה נעהאטע וואס האבן שוין אפגעגעסן די קעסט בײַם שווער. עס זענען אויך געווען אזעלבע וואס כאטש עס איז פאר זיי און פאר זייערע עלטערן געווען שווער דאס צעשיידן זיך מיטן לערנען און א חרפה צו ווערן א בעל־מלאכה, האט אבער די עקאנאמישע לאגע געשטויסן צו דעם אז זיי האבן געמוזט אנקומען צו אן ארבעט מיט דער טרייסט אז נאך א קורצער צײַט ארבעטן בײַ יענעם וועלן זיי אנהייבן פאר זיך און מיטן אייבערשטנס הילף ווערן אליין בעל־הבתים און לײַטישע מענטשן.

בײַ די שווערע און פראסטע פאכן, ווי געגריוועטע שוסטערס, באסאק־מאכערס, וואלקערס, רימערס און וואליזקע־מאכערס, זענען געווען באשעפטיקט קינדער פון ארעמען פאלק, פון גאסן־הענדלערס, פון שוסטער־לאטוטניקעס, פון פשוטן ארעמען טייל פון דער יידישער באפעלקערונג, וועלכע האבן זיך נישט געשעמט מיט דער ארבעט. די ארבעט איז בײַ זיי נישט געווען אן אפקומעניש, מיטן אויסקוק צו ווערן פאבריקאנטלעך. צוליב דעם גרויסן נאכפרעג אויף ארבעטסהענט בײַ די געגריוועטע שוסטערס, זענען זיי געווען פון די בעסט באצאלטע ארבעטער אין יענער צײַט, און אלע אנדערע ארבעטער פון אנדערע פאכן און אנדערע אינדוסטריעס, אפילו די „זײַדענע יונגע־לײַטלעך" פון די „איידעלע" פאכן וועלכע האבן געקוקט פון אויבן אראפ אויף די געגריוועטע שוסטערס, האבן זיי מקנא געווען מיט זייערע גרויסע פארדינסטן.

---

דער גרויסער אויפשוווּנג פון דער ארבעטער־באוועגונג פון פארן 5טן יאר, די רעוואלוציע פון 5טן יאר אין צארישן רוסלאנד און אין פוילן און דער אנהייב פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין יענער צײַט האבן א סך משפיע געווען אויף די יידישע לעדער־ארבעטער. די קאמאשן־מאכערס, בײַטל־מאכערס א"א וועלכע האבן אין זייער פרײַער צײַט זיך ארײַנגעכאפט אין בית־המדרש אדער אין חסידים־שטיבל כדי ארײַנצוכאפן א בלאט גמרא אדער א שמועס וועגן דעם אדער יענעם חסידישן רבין, זענען געווען באוווּלט פון זייערע בעל־הבתים און מײַסטערלעך מחמת די קליינע לוינען וואס זיי פלעגן באקומען בײַ אן ארבעט מבוקר ועד ערב (פון פרי ביז שפעט אין אוונט). זיי האבן זיך צוגעהערט טאקע מיט גרויס פארזיכטיקייט צו די רייד פון די „אגיטאטארס" אין די שווארצע רוסישע העמדלעך און קאלירטע גארטלען מיט „פאמפאניקעס" אין דער זײַט, מיט די גרויסע טשופרינעס און ראזירטע „מארדעס". זיי האבן מיט אויפמערקזאמקייט געלייענט די מאדנע בלעטלעך, געדרוקטע אויף קליינע שטיקלעך ביבולע־פאפיר, וועלכע זיי האבן גערופן „פראקלאמאציעס", וואס די „אגיטאטארס" האבן זיי בגנבה ארײַנגעשטופט אין די קעשענעס בײַם ארויסגיין שפעט אין אוונט פון דער ארבעט, און גערופן זיי צו קומען אויף די ארבעטער־בירזשעס.

די רעוואלוציאנערע לופט פון יענער צײַט האט זייער שנעל געווירקט אויף די לעדער־ארבעטער. א גרויסע באוועגונג אויף די ארבעטער־בירזשעס האבן געשאפן די לעדער־ארבעטער. די בארימטע מילע־גאס, ווו עס איז געווען די בירזשע פון די לעדער־ארבעטער, איז געווען א פעסטונג וואס די רוסישע „קנעפלעך" און „שפיצלען" האבן נישט געקענט אומווארפן. א גרויסע צאל לעדער־ארבעטער האבן אין די שפעטערע יארן פארנומען אנגעזעענע ערטער אין דער ארבעטער־באוועגונג. די בארימטע אומלעגאלע שטרײַקן פון די שוסטערס, קאמאשן־מאכערס און וואלקערס האבן געהאט גרויס אנזען און ווירקונג אין יענע אומלעגאלע צײַטן פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג.

דער עלעמענט פון די געגריוועטע שוסטערס איז, ווי עס איז שוין פריער אנגעוויזן געווארן, באשטאנען פונעם ארעמסטן טייל פון דער יידישער באפעלקערונג אין ווארשע. אן שום דערציִונג און

בילדונג — אַ סך פון זיי האָבן אפילו דעם אַמאָליקן חדר נישט באַזוכט — גאַנצע און האַלבע אַנאַלפאַבעטן, האָבן זיי זיך דערצויגן אויף דער גאַס און זענען געוואָרן קרבנות פון דער אונטערוועלט. כאָטש אַרבעטער און גוטע פאַרדינערס, האָבן זיי געפונען אין זייער פרײַער צײַט אויף די ראָגן פון די גאַסן, אין די שענקען און רעסטאָראַנען, די אונטערוועלט־מענטשן, וועלכע האָבן שטענדיק געוווינט אין שכנות מיט דער אָרעמער באַפעלקערונג, צוזאַמען אין די הייף און אין די גאַסן מיט דער יידישער אָרעמקייט און האָבן פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט זייער מענטשן־מאַטעריאַל. די געגריוועטע שוסטערס, נישט האָבנדיק קיין לעגאַלע אַרבעטער־אינסטיטוציעס און קלובן, זענען אַרײַנגעפאַלן אין דער שכנישער סביבה פון די גנבים און אַנדערע „לײַט", אַזוי אַז אַ ביסל האָט איין טייל באַווירקט דעם צווייטן. עס זענען געווען אַרבעטער וואָס נאָך דער אַרבעט האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט אונטערוועלט־געשעפטן און עס זענען אויך געווען אונטערוועלט־מענטשן וואָס נישט פאַרלאָזנדיק זייער פאַך... זענען זיי אויך אַרײַן אין די פאַבריקן אַרבעטן.

אָבער דער אויפשוווּנג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט באַווירקט דעם אָפּגעשטאַנענעם טייל אַרבעטער און זיי האָבן זיך אַרײַנגעקייטלט אין דער באַוועגונג און זענען שפּעטער געוואָרן דער גרויסער כוח לטובת דער באַוועגונג, באַזונדערס אינעם קאַמף וואָס די אַרבעטער האָבן דאַן געהאַט מיט דער אונטערוועלט פון דער יידישער וואַרשע, מיט די גנבים און אונטערוועלטניקעס וואָס האָבן אונטערגעשטיצט די פּאָליציי קעגן די אַרבעטער. די אַמאָליקע גוטע ברידער פון די אונטערוועלטניקעס, די געגריוועטע שוסטערס, זענען געוואָרן געטרײַע איבערגעגעבענע קעמפערס פאַר דער באַוועגונג קעגן זייערע פריערדיקע חברים, זיי האָבן געוווּסט זייערע אַלע „טריקן" און „שפּיצלעך", האָבן געקענט זייערע אַלע „פערזענלעכקייטן"... וואָס זענען געווען יד־אחת מיט דער פּאָליציי, האָבן געוווּסט פון אַלע „מלינעס". די געגריוועטע שוסטערס האָבן אַרויסגעוויזן זייער פיזישן כוח אינעם פאַרמעסטן זיך מיט דער אונטערוועלט סײַ אויף „טרוקן" און סײַ אויף „נאַס", ווען די אונטערוועלט האָט זיך געשטעלט אין קאַמף קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג.

עס איז כדאי צו דערמאָנען די באַרימטע אָנפאַלן פון די אַרבעטער אויף דער אונטערוועלט, ווען גאַנצע הייף און גאַסן מיט די ערטער ווו די אונטערוועלט האָט זיך אויפגעהאַלטן זענען צעשטערט געוואָרן, די שטובזאַכן אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס, דאָס בעטגעוואַנט און די פעדערן זענען געפלויגן פון די פענצטער. די אונטערוועלטניקעס זענען פיזיש צעשלאָגן געוואָרן, אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די באַהעלטעניש און האָבן עס געהאַט צו געדענקען זייער אַ לאַנגע צײַט. ביז זייערע באַשיצערס — די „קנעפּלעך" — זענען געקומען איז דאָס „שטיקל אַרבעט" פאַרטיק געוואָרן, — לויט דער שפּראַך פון די געגריוועטע שוסטערס, וועלכע זענען געווען די הויפּט־מחותנים אויף דער דאָזיקער שמחה. דאָס האָט זיך אין יענע צײַטן איבערגעחזרט אַ סך מאָל, ביז די אונטערוועלטניקעס זענען אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין די מײַזנלעכער, ווו זיי האָבן שוין מער נישט געקענט זײַן קיין שטיצע פאַר די „קנעפּלעך". אַ סך צו פאַרדאַנקען האָבן זיי געהאַט זייערע אַמאָליקע „גוטע ברידער", די געגריוועטע שוסטערס, וואָס מיט זייער ערלעכער פּרימיטיוויקייט זענען זיי איבערגעגאַנגען אין אַרבעטער־לאַגער און אים געדינט געטרײַ און איבערגעגעבן. אַ סך פון זיי זענען געוואָרן גוטע טוערס אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

כאַראַקטעריסטיש איז זייער פּרימיטיווקייט אין קאַמף מיט זייערע בעל־הבתים.

אין זייער ערשטן גרויסן שטרײַק אין דער שיכפאַבריק פון בערקע ברענער האָבן זיי, צו גלײַך מיטן אָפּשטעלן די אַרבעטער פון דער פאַבריק, אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען פאַר אַ העכערן לוין און נישט דערלאָזט צו שטרײַקברעכערײַ. זיי האָבן אויך פאַרפאַסט אַ לידל ווו עס ווערט אויף זייער שטייגער אויסגעדריקט די אחדות צווישן די אַרבעטער, ווײַל עס איז געווען אַ געוויסער אַנטאַגאָניזם צווישן די צוויי הויפּטצווײַגן פונעם פאַך, צווישן פּוצערס און קלאַפּערס (פּוצערס זענען געווען מער פּריווילעגירטע, האָבן מער פאַרדינט צוליב דער געהעריקער קוואַליפיקאַציע און די קלאַפּערס זענען דערפאַר געווען מיט אַ געוויסער קנאה). זיי האָבן אויך אין דעם לידל אויסגעזונגען זייער קאַמפסגרייטקייט קעגן די בעל־הבתים און



אַ וואַרשעווער שוסטער

זייער אָנגעהעריקייט צו דער ארבעטער־באַוועגונג. ווער עס איז געווען דער מחבר פונעם ליד איז נישט באַוווּסט, אָבער עס איז געזונגען געוואָרן אין ווארשע אַ סך יאָרן פון אַלע ארבעטער, אַפילו פון אַנדערע פאַכן. דאָס ליד הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „אוי, הערט אויס מענטשן, וואָס האָט זיך אין ווארשע פאַרלאָפן". (עס געפינט זיך אין „פנקס" צוזאַמען מיט די נאָטן אין דעם אָפּטייל פון פאָלקסלידער).

אויף זייער אופן האָבן זיך די געגריוועטע שוסטערס געשטעלט אין די ערשטע רייען פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג פון פאַרן 5טן יאָר. בײַם רעוואָלוציאָנערן אויסבראָך פונעם 5טן יאָר, בײַ די גרויסע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס און באַריקאַדע־קאַמפן אין ווארשע, האָבן די לעדער־ארבעטער בכלל און די געגריוועטע שוסטערס בפרט גענומען אַ גרויסן אָנטייל און געגעבן באַקומען קלעפּ פון די צאַרישע קאָזאַקן און פון דעם טרויעריק באַקאַנטן פאָלק „וואָלינצעס" וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זײַנע אכזריותן קעגן דער יידישער באַפעלקערונג (דער פאָלק איז געשיקט געוואָרן פון דער צאַרישער מאַכט פון טיפן סיביר אויף צו באַרויִקן ווארשע...).

דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 5טן יאָר און דאָס ברשעווען פון דער רעאַקציע אין צאַרישן רוסלאַנד בכלל און אין ווארשע בפרט האָבן פאַרשטייט זיך אַ סך אונטערגעגראָבן די יידישע ארבעטער־באַוועגונג. די אומלעגאַלע באַוועגונג איז געווען אַן אײַנגעשרומפּענע, אָבער אירע וואָרצלען זײַנען געלעגן טיף באַהאַלטן און געוואַרט אויף נײַע און בעסערע צײַטן. די יידישע לעדער־ארבעטער אין דער שפּיץ מיט די געגריוועטע שוסטערס זענען געבליבן וואַכזאַם, אָפּוואַרטנדיק די קומענדיקע נײַע צײַטן.

אין יענע יאָרן האָט זיך די רעאַקציע בכלל און די יידישע בפרט פאַרשטאַרקט. צו גלײַך מיט דער יידישער רעאַקציע האָבן זיך אַרויסגערוקט די אונטערוועלטניקעס פון זייערע מײַזנלעכער, נקמה צו נעמען אין די יידישע ארבעטער פאַר די אַמאָליקע צײַטן. עס איז כאַראַקטעריסטיש דאָס לידל וואָס די אונטערוועלטניקעס האָבן געזונגען אין די יאָרן 1906—1908, וואָס איז אויך אונטערגעכאַפּט געוואָרן דורך די גבירים און חסידים וואָס זיי האָבן דאָס גאָר... געזונגען שמחת תורה בײַ די הקפות אין אַ האַלבן שיכורן צושטאַנד (דאָס לידל, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער סטראָפע „שישו ושמחו בשמחת־תורה", געפינט זיך מיט נאָטן אין דעם אָפּטייל פון פאָלקסלידער). אַזוי פלעגן יידן גבירים זינגען צו די הקפות אין די שילן און חסידים־שטיבלעך... און די אונטערוועלטניקעס אין די שענקען און רעסטאָראַציעס... אָבער בײַם ערשטן פּרוּוו צו פאַרמעסטן זיך פון דער אונטערוועלט קעגן די יידישע ארבעטער זענען פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן די געגריוועטע שוסטערס מיט זייערע אײַזערנע ארבעטס־מכשירים אין די הענט, די אַזוי גערופענע „שטיצעס", (אַזעלכע אײַזערנע שטאַנגען אויף וועלכע מ'האָט אַרויפגעזעצט אײַזערנע קאָפּיטעס און אַזוי אַרום האָבן זיי צוגעקלאַפּט די זוילן אויף די שיך), און מיט די דאָזיקע ארבעטס־מכשירים האָבן זיי צוריק פאַריאָגט די אונטערוועלטניקעס אין זייערע לעכער.

---

מיטן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914 און מיט דער דײַטשער אָקופּאַציע פון פּוילן אין 1915 האָט זיך אין גאַנצן געענדערט די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע און במילא אויך די לאַגע אין דער לעדער־בראַנזשע. קיין ארבעט איז נישט געווען, די פאַבריקן זענען געווען פולשטענדיק געשלאָסן, אַ טייל לעדער־ארבעטער זענען געווען מאָביליזירט פון די רוסן און געשיקט געוואָרן אין די פאָלקן אין ווײַטן רוסלאַנד, אַ טייל זענען אַרײַנגעפאַלן צו די דײַטשן אין געפאַנגען־לאַגער, אַ טייל וואָס זענען געבליבן אין ווארשע האָבן געאַרבעט בײַ די דײַטשן אויף עפנטלעכער ארבעט, בײַם גראָבן אָקאָפּעס, בויען בריקן א"א.

קליינע טיילן פון די געבליבענע ארבעטער־טוערס האָבן אויפן רוף פון זייערע פּאַרטייען אויסגענוצט די מכלומרשטע פרײַהייטן וואָס די דײַטשע אָקופּאַנטן האָבן אײַנגעפירט און זענען אַרויס אין דער עפנטלעכקייט, געשאַפן לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ארבעטער־קיכן, קלובן, ביבליאָטעקן. די פּראָפפאַראיינען האָבן געדונגען לאָקאַלן, געמאַכט פאַראיינס־סטעמפּלען. עס האָבן זיך אַרומגעפּאָרעט קליינע גרופּעס ארבעטער אין יעדן פאַראיין, אָבער



די גרויסע מאַסן זענען נישט געווען. זיי זענען געווען צעשוווּמען, ווער אַלס קריגס־געפאַנגענער, ווער בײַ די דײַטשע אָקאָפּעס, און אַנדערע האָבן זיך דערווײַל פאַרנומען מיט האַנדל און מיט פּראָדוקטן־שמוגל, כדי די נשמה צו דערהאַלטן. אַזוי האָט געדויערט די פּאָר יאָר פון דער מלחמה, ביזן אויסבראָך פון דער דײַטשער רעוואָלוציע, ווען די דײַטשן זענען אַנטלאָפן פון פּוילן קוים מיטן לעבן, ראַטעווענדיק זיך דורכן אַרײַנשטעקן רויטע בלימעלעך אין די לאַצן און שרײַענדיק אַז זיי געהערן צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דײַטשלאַנד...

נאָך דעם סוף פון דער מלחמה און נאָך דעם ווי פּוילן איז געוואָרן אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה האָבן די פּוילישע און יידישע מאַסן אָנגעהויבן צוריקצוקומען קיין פּוילן. ווארשע האָט באַקומען אַ נײַ פּנים. אויס צאַרישע מאַכט, אויס דײַטשע אָקופּאַציע, רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, רעוואָלוציע אין דײַטשלאַנד און רעוואָלוציע אין פּוילן. די פּוילישע ארבעטער האָבן איבערגענומען די מאַכט דורך דער מאָראַטשעווסקי־רעגירונג און פּילסודסקי מיט זײַנע 52 פּאָלקן האָט געזאָלט באַשיצן די פּוילישע רעוואָלוציע (אַזוי האָט צוגעזאָגט די פּפּ"ס). אין דער דאָזיקער צײַט האָבן די צוריקגעקומענע ארבעטער זיך נאָך שטאַרקער אָרגאַניזירט אין זייערע שוין לעגאַלע פּראָפפאַראיינען, וועלכע זענען געווען צוגעגרייט נאָך פון דער דײַטשער אָקופּאַציע־צײַט. אויך די צוריקגעקומענע לעדער־ארבעטער, — אַ גרויסער טייל מיט שוואַרצע פּאַסן אויף איין אַרבל, — צייכנס פון קריגס־געפאַנגענע, — האַלב מיליטעריש אָנגעטון, זענען געקומען אין לעדער־פאַראיין. די פאַכן האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן, די ארבעטער האָבן באַקומען די מעגלעכקייטן פון דער מאָראַטשעווסקי־רעגירונג צו פאָדערן בײַ זייערע פריערדיקע בעל־הבתים ארבעט אָדער אַנטשעדיקונג.

דער לעדער־פאַראיין איז געוואָרן אַן ארבעטער־פעסטונג און די בעל־הבתים זענען געצוווּנגען געוואָרן צו געבן ארבעט אָדער אַ טייל פון וואָכנלוין, ביז זיי וועלן עפענען די פאַבריקן. דאָס געלט איז דורכן פאַראיין פאַרטיילט געוואָרן, יעדער ארבעטסלאָזער האָט באַקומען וואָכנלוין ביז ער האָט געפונען ארבעט. די בעל־הבתים וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערוואַרפן די פאַראיינס־באַשלוסן זענען דורך די געגריוועטע שוסטערס געברענגט געוואָרן אין פאַראיין, ווו מ'האָט זיי פאַרהאַלטן אין אַ צוגעגרייטן אַרעסט־צימער, ביז זייערע הערצער זענען ווייכער געוואָרן...

די מאָראַטשעווסקי־רעגירונג איז געפאַלן, פּילסודסקיס 52 פּאָלקן האָט די פּפּ"ס איבערגעגעבן אין די הענט פון דער פּוילישער רעאַקציע, טענהנדיק אַז מען דאַרף צו ערשט זײַן מיט לײַטן גלײַך... מען איז אַ יונגע מדינה, שפּעטער וועלן מיר אײַנפירן דעם סאָציאַליזם... די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך צו ביסלעך געבעסערט און נאָרמאַליזירט. די לעדער־אינדוסטריע האָט טאַקע פאַרלוירן איר הויפּטמאַרק, — רוסלאַנד, — און מיט די באָלשעוויקעס האָט דאָס נײַע פּוילן נישט געוואָלט האַנדלען, אָבער עס זענען צוגעקומען פרישע מערק. פּוילן איז געוואָרן גרעסער אין שטח און אין באַפעלקערונג. עס זענען צוגעקומען די פּוילישע געביטן וואָס זענען געווען באַהערשט פון די דײַטשן און עסטרײַכער, דאָס פּויזנער געביט און גאַליציע אָדער קליינפּוילן, עס זענען אויך צוגעקומען די אַזוי גערופענע קרעסן, טיילן פון ווײַסרוסלאַנד, אוקראַיִנע און ליטע, פאַרכאַפּטע שוין דורכן פּוילישן מיליטער. דאָס נײַע פּוילישע מיליטער האָט געמוזט באַשוכט ווערן, אַזוי אַז דאָס האָט אויך געהאָלפן פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע אין דער לעדער־בראַנזשע.

---

די יידישע לעדער־ארבעטער, מיט די געגריוועטע שוסטערס און קאַמאַשן־מאַכערס אין דער שפּיץ, האָבן דורך זייער פּראָפפאַראיין אויף נאָוואָליפּקע 7 אָנגעהויבן אַ גרויסע טעטיקייט. עס איז באַלד פונעם אָנהייב אײַנגעפירט געוואָרן די ארבעטס־פאַרמיטלונג דורכן פאַראיין, די בעלי־הבתים האָבן זיך געמוזט ווענדן אין פאַראיין נאָך ארבעטער, עס איז אײַנגעפירט געוואָרן אַן ארבעטסלאָזע־ליסטע און עס זענען געשיקט געוואָרן ארבעטער צו דער ארבעט לויט דער ריי און לויט דער קוואַליפיקאַציע. אָן אַ באַשטעטיקונג פון פאַראיין איז קיין ארבעטער נישט צוגעלאָזט געוואָרן אין קיין שום פאַבריק. דער פאַראיין האָט געהאַט דעם קאָנטראָל פון יעדער פאַבריק און פאַבריקל פון יעדן פאַך און פון אַלע ארבעטער מיט זייערע ארבעטספּלעצער. קיין שום ארבעטער האָט נישט געקענט ווערן דורכן

בעל־הבית אָפּגעשטעלט פון דער ארבעט אָן גענוגנדיקע מאָטיוון, באשטעטיקטע דורך קוואליפיצירטע ארבעטער פון דער פאך־קאָמיסיע פונעם געגעבענעם פאך. דער פאראיין האָט איינגעפירט א לוינבאזע לויט דער קוואליפיקאציע און קאטעגאָריעס אין יעדן פאך באזונדער, מיט א סיסטעמאטישער כסדרדיקער חודשלעכער הוספה אין די אינפלאציע־צייטן. באזונדערע אָפּמאכן צווישן ארבעטער און בעל־הבתים זענען נישט גילטיק געווען. אזעלכע געהיימע אָפּמאכן זענען שפעטער, ביים דערוויסן זיך, באשטראָפט געוואָרן ביז נישט באקומען קיין ארבעט און נישט באקומען קיין ארבעטער.

צוזאמען מיט דער פארשטארקונג פון דער נייער און היימישער רעאקציע, געשטיצט דורך דער פּפּ"ס מיט פּילסודסקים 52 פאלקן פּויליש מיליטער, האָט זיך די ייִדישע רעאקציע אויך באמיט נישט צו זיין הינטערשטעליק. זי האָט זיך דערמאָנט אין די גוטע צארישע צייטן פון פאר דער מלחמה. די בעל־הבתים האָבן אָנגעהויבן זייער ערשטע אטאקע מיטן אָפּוואַרפן די ארויסגעשטעלטע פאָדערונגען פון די געגריוועטע שוסטערס, ווו דער הויפּטפּונקט איז געווען דאָס אָנערקענען דעם ארבעטער־פאראיין. זיי האָבן באשלאָסן אויסצוהונגערן די ארבעטער. דער ערשטער לעגאַלער שטרייק האָט געדויערט 7 וואָכן. נאָך די ערשטע 4 וואָכן זיינען זיי מסכים געווען אויף דער לוין־העכערונג, אָבער זיי האָבן אָפּגעוואָרפן דעם הויפּטפּונקט — דאָס אָנערקענען דעם פאראיין. פאר דעם דאָזיקן פּונקט האָבן די געגריוועטע שוסטערס, און אויך די קאמאשן־מאכערס וואָס האָבן זיך מיט זיי סאָלידאריזירט, געשטרייקט נאָך 3 וואָכן, ביז זיי זענען ארויס מיט א זיג און דאָס האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אין אלע אנדערע אינדוסטריעס און פאראיינען. דער לעדער־פאראיין פון נאָוואָליפּקע 7 האָט באקומען גרויס אָנזען, כמעט אלע ארבעטער האָבן געהערט צום פאראיין, זיך אונטערגעוואָרפן זיינע באשלוסן און אין יאָר 1922 האָט דער לעדער־פאראיין געציילט אריבער 5 טויזנט מיטגלידער בלויז אין ווארשע.



דער ערשטער צוזאמענפאָר פון די ייִדישע לעדער־ארבעטער אין פּוילן, פאָרגעקומען אין ווארשע אין אָקטאָבער 1919.

עס טאָר נישט דורכגעלאָזט ווערן דער פאקט וואָס אחוץ דעם אייגנהייטלעכן שטארקן אָרגאניזאציאָנעלן כוח פון לעדער־פאראיין האָט אויך אין א געוויסער מאָס געשפּילט א ראָלע דער פיזישער כוח פון די ארבעטער אין א טייל פאכן, ווי די געגריוועטע שוסטערס, וואלקערס און באָסאק־מאכערס. וויפל די אָרגאניזאציע פונעם פאראיין האָט זיך נישט באמיט אָפּצושאפן דעם מעטאָד וואָס איז געבליבן ווי אן איבערבלייבעניש פון די אומלעגאלע צייטן, איז געווען אוממעגלעך דעם כוח אָפּצוהאלטן אין די נייטיקע לעצטע פאלן. אָפּהיטנדיק דעם פאראיין אז עס זאָל אים גאָרנישט געשען — און נישט אינעם נאָמען פון פאראיין — האָבן זיי רעאגירט קעגן פארעקשנטע בעל־הבתים און קעגן שטרייקברעכעריי.

עס איז כאראקטעריסטיש א פאל בעת ביי געגריוועטע שוסטערס איז געברענגט געוואָרן א שטרייקברעכער אין פאראיין. דער פאראיינס־סעקרעטאר האָט דעם ארבעטער אויפגעקלערט אז זיין האנדלונג איז א שלעכטע, אז ער ברענגט שאָדן אלע ארבעטער. צוזאמען מיטן סעקרעטאר האָט זיך געפונען איינער פון דער פאך־קאָמיסיע אויף דיזשור, א געוויסער אשר דזשאָבאק. ווען דער שטרייקברעכער האָט ציניש געענטפערט דעם סעקרעטאר, נישט קענענדיק אשר דזשאָבאקן, האָט אשר דזשאָבאק רעאגירט און דעם שטרייקברעכער מכבד געווען מיט א פּליאסק אז ער האָט שוין א פּאָר טעג נישט געקאָנט זיין קיין שטרייקברעכער און האָט שוין פארזאָגט אנדערע צו זיין שטרייקברעכערס ביי געגריוועטע שוסטערס. ווען דער סעקרעטאר האָט אויפמערקזאם געמאכט דעם חבר אשר אז נישט אזוי האנדלט מען קעגן אן ארבעטער, מען דארף אים געבן צו פארשטיין אז ער האנדלט שלעכט ארבעטנדיק אלס שטרייקברעכער, האָט חבר אשר א פארשעמטער זיך פארענטפערט: „כ'האָב נישט געקאָנט הערן ווי ער רעדט שיין און ער האָט נישט פאר אייך קיין דרך־ארץ, כ'האָב נישט דערלאָזט אז מ'זאָל צו מיין סעקרעטאר אזוי רעדן".

דער לעדער־פאראיין איז געוואקסן. עס האָבן נישט געהאָלפן אלע באמיִונגען און אלע מיטלען פון די בעל־הבתים — אפילו דאָס ברענגען ארבעטער פון דער פּראָווינץ אָדער דאָס שיקן די ארבעט פארטיק צו מאכן אין דער פּראָווינץ. די פּראָווינציעלע לעדער־ארבעטער זענען אויך באאווירקט געוואָרן פון ווארשע, זיי האָבן מיט דער הילף פון ווארשע געשאפן פאראיינען, ביז עס איז אין ווארשע געגרינדעט געוואָרן א צענטראלע פון אלע ייִדישע לעדער־פאראיינען אין גאנץ פּוילן און דער ערשטער צוזאמענפאָר איז טאקע פארגעקומען אין דער הויפּטשטאָט אין אָקטאָבער 1919.

אויפן צוזאמענפאָר זענען געווען פארטראָטן אלע שטעט און שטעטלעך ווו עס זענען נאָר געווען לעדער־ארבעטער. עס זענען געווען פארטראָטן פארשטייערס פון אלע ייִדישע און נישט־ייִדישע פּארטייען, געשיקט פון די ערטער ווו יעדער פון זיי האָט געהאט א השפּעה אויף די לעדער־ארבעטער. די גרעסטע השפּעה אין יענער

צײַט האָט געהאַט דער „בונד". זינט 1922 האָבן די ייִדישע קאָמוניסטן באַקומען די גרעסטע השפעה. עס זענען אויך געווען פאַרטראָטן די לינקע פועלי־ציון און די „פאַראייניקטע". ווארשע איז געווען די צענטראַלע און זי האָט זיך געפונען אין דער גרעסטער ווארשעווער אָפּטיילונג אויף נאָוואָליפּקע 7. אין דער ערשטער אָפּטיילונג זענען געווען טעטיק די געגריוועטע שוסטערס, קאַמאַשן־מאַכערס, וואַלקערס, באָסאַק־מאַכערס, אָפּצאַסן־מאַכערס. אין דער צווייטער אָפּטיילונג אויף פּאַוויע 38 זענען געווען טעטיק די פאַכן וואָס מען האָט זיי גערופן לעדער־גאַלאַנטעריע, ווי: בײַטל־מאַכערס, פּאַסקעס־מאַכערס, הענטשקע־מאַכערס, רימערס און וואַליזקע־מאַכערס. אין דער פּראָווינץ האָבן אין לויף פון אַ קורצער צײַט זיך אָרגאַניזירט איבער 100 אָפּטיילונגען. אין יאָר 1922 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג מיט די פּוילישע לעדער־אַרבעטער און דאָס האָט אָנגעהאַלטן געציילטע יאָרן, ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צווישנפּאַרטייִשער קאַמף וואָס זײַנע רעזולטאַטן זענען געווען שפּאַלטונגען אַפילו אין דער פּראָפ' באַוועגונג. עס זענען אויך געשאַפן געוואָרן צוויי באַזונדערע לעדער־פאַראיינען, אַ בונדישער אויף לעשנע 19 און אַ קאָמוניסטישער אויף סטאַווקע 41 וועלכער איז געווען פאַראייניקט מיט דעם פּוילישן פאַראיין פון זשיטניע־גאַס, וווּ עס האָבן געהאַט אַ השפּעה די פּוילישע קאָמוניסטן.

עס איז נייטיק בײַם שרײַבן וועגן די ייִדישע לעדער־אַרבעטער אין ווארשע, צו פאַרצײַכענען די נעמען פון פּראָפ' טוער וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דעם אַזוי באַרימטן לעדער־פאַראיין. אַ טייל פון זיי איז אומגעקומען אינעם דריטן חורבן, אַ טייל האָט זיך געראַטעוועט און אַן אַנדער טייל איז צוליב פאַרשידענע סיבות אַוועק פון ווארשע אַ לאַנגע צײַט פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער שרײַבער פון די זכרונות, ווי איינער וואָס האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל ביז ענדע 1923 אין דער באַוועגונג פון לעדער־פאַראיין אין ווארשע, וועט זיך באַמיִען צו פאַרצייכענען די נעמען, און זאָלן אים מוחל זײַן די וואָס ער האָט נישט פאַרגעדענקט: חנינא קראָמאַרסקי (געפינט זיך אין נ' אַמעריקע), שעיה זעמבראָווסקי (נישט באַוווּסט וואָס עס איז מיט אים געשען), יחיאל ניימאַן (געשטאָרבן אין 1953 אין פּאַריז), הערשל ראַמעט (נישט באַוווּסט), אליהו קליינבוים (נישט באַוווּסט), יוסף ליפּשיץ באָסאַק, (נישט באַוווּסט) משה פּראַגער און מענדל פּראַגער (נישט באַוווּסט), בערל אַמבאַראַס (געפינט זיך אין נ' אַמעריקע). די אַלע זענען קאַמאַשן־מאַכערס. פון די געגריוועטע שוסטערס: משה דינער, דער קליינער יצחקל, מענדל בעזפּאַלעץ, אשר דזשאָבאַק. פון די וואַלקערס: משה־שעיה, הערש־מענדל א"א. איך קען די אַלע וואָס געפינען זיך אויפן בילד, די טוערס פון אַלע פאַכן, די פּראָווינצער חברים, אָבער איך קאָן זיך שוין נישט דערמאָנען זייערע נעמען. איך זע אויפן בילד אָנגעשפּאַרט אין פענצטער אונדזער טײַערן און זייער באַרימטן אין ווארשע קלמן קאַמאַשנמאַכער. אין אַרגענטינע געפינען זיך אליעזר פוקס, איינער פון די אַקטיווסטע אין דער פאַך־קאָמיסיע פון די געגריוועטע שוסטערס, מאיר געלבלונג, אליהו־משה פון די קאַמאַשן־מאַכערס און גדליה קאַליקשטיין.

דער קאַמף פון דער ייִדישער רעאַקציע קעגן די לעדער־אַרבעטער איז געווען אַ שטאַרקער, אָבער די ייִדישע לעדער־אַרבעטער האָבן די אַטאַקעס אָפּגעוואָרפן. די פריִערדיקע גוטע ברידער פון דער רעאַקציע, די אונטערוועלטניקעס, האָבן, נאָך די לעקציעס וואָס זיי האָבן באַקומען אַ מאָל, שטילערהייט געשטיצט די ייִדישע רעאַקציע, אָבער קיין כוח זענען זיי שוין נישט געווען.

עס איז אינטערעסאַנט אַן עפּיזאָד. אין 1919 האָט זיך געגרינדעט, דורך דער בונדישער איניציאַטיוו, אַ שוסטער־קאָאָפּעראַטיוו. נאָך אַ קורצער צײַט עקסיסטענץ איז ער באַגנבעט געוואָרן. עס איז דעם פאַראיין געמאָלדן געוואָרן וועגן דער גנבה אין די פריִ־מאָרגן־שעהען, ווען די אַרבעטער זענען אין פאַבריק. נאָך אַ קורצן טעלעפאָנישן שמועס מיט אַ טייל פון די געגריוועטע שוסטערס פון דער פאַך־קאָמיסיע איז געשיקט געוואָרן אין די גנבישע „מעלינעס" איינער פון די איבערגעגעבנסטע אַרבעטער־טוערס, אַזעלכער וואָס די אונטערוועלטניקעס האָבן געוווּסט אַז מיט אליעזר פוקסן שפּילט מען זיך נישט... (דער חבר אליעזר פוקס געפינט זיך אין בוענאָס־איירעס און איז אַ מיטגליד אין ווארשעווער פאַראיין) אליעזר האָט אויסגעזוכט אויף קראָכמאַלנע־געסל דעם עלטסטן „פּאַסער" (וווּ עס פאַלן אַרײַן די געגנבעטע סחורות) און אים געגעבן אַן אולטימאַטום, אַז אויב אין פאַרלויף פון 24 שעה עס וועט נישט זײַן די סחורה צוריק אין קאָאָפּעראַטיוו, זאָלן זיי זיך ריכטן אויף אַ באַזוך פון אַלע געגריוועטע שוסטערס אויף קראָכמאַלנע־געסל. כאָטש דער „פּאַסער" האָט פאַרזיכערט אַז ער ווייסט פון גאָרנישט, אַז עס ליגט נישט אין זײַן רשות, איז די גנבה צוריקגעברענגט געוואָרן פאַר די 24 שעה.

---

עס איז אוממעגלעך אין איין אַרטיקל אַרומצונעמען אַלץ וואָס עס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די ייִדישע לעדער־אַרבעטער אין ווארשע אינעם פּעריאָד פון פאַרן 5טן יאָר ביז דעם אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס איז בלויז אין קורצע שטריכן פאַרצייכנט געוואָרן אַ טייל זכרונות. אַ מגפה האָט פאַרצוקט די אַלע מענטשן וואָס האָבן אַזוי הייליק געקעמפט פאַר אַ סאָציאַליסטיש פּוילן וואָס ווערט הײַנט פאַרווירקלעכט. וואָסער גרויסער צושטײַער וואָלטן די ייִדישע לעדער־אַרבעטער געווען פאַרן הײַנטיקן פּוילן, ווי גליקלעך וואָלטן זיי געווען צו זען פאַרווירקלעכט דאָס פאַר וואָס זיי האָבן אַזוי איבערגעגעבן געקעמפט. וווּ זענט איר ייִדישע לעדער־אַרבעטער פון ווארשע? וווּ זענט איר ווארשעווער געגריוועטע שוסטערס?



**שלמה יעדלינא** (בוענאָס־איירעס)

# יונגנטלעכע קאַמפּאַניאָרן

בײַם שרײַבן די געשיכטע פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין וואַרשע וועט אָן שום ספק אַ וויכטיק אָרט פֿאַרנעמען יענע צײַט, ווען די פּראָפֿעסיאָנעלע באַוועגונג איז געוואָרן לעגאַל. געווען איז עס אינעם טאָג ווען די דײַטשע אַרמייען האָבן פֿאַרנומען וואַרשע, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, סוף 1915.

די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט בײַ די לעדער, נאָדל, טעקסטיל און מעטאַל־פֿאַכן און האָבן פֿריִער אָנגעהאַלטן זייערע פֿאַרזאַמלונגען און זיצונגען אויף די בערזעס, בוידעמס אָדער אין קעלערשטיבלעך, האָבן מיט אַ מאָל זיך דערפֿילט ווי נײַ געבוירן. זיי האָבן מער נישט געדאַרפֿט זיך היטן פֿאַרן אויג פֿון פּאָליציאַנט און שפּיצל.

צווישן די יידישע פּראָפֿעסיאָנעלע אַרבעטער־פֿאַראיינען האָט אַ גאָר וויכטיקע ראָלע געשפּילט דער טעקסטיל־פֿאַראיין פֿון קאַרמעליצקע 15. אַ דאַנק ספּעציעלע נאָך־מלחמה־באַדינגונגען האָט אין שטריקערײַ־פֿאַך אָנגעהויבן צוצושטראָמען אַ ביז דעמאָלט נײַער מענטשן־עלעמענט, די אַזוי גערופֿענע „זײַדענע יונגע־לײַטלעך" וואָס פֿלעגן צוצאָלן גרעסערע געלטסומעס — אין דאָלאַרן — פֿאַרן אויסלערנען דאָס פֿאַך. עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יענער נאָך־מלחמה־צײַט דאָס אויפֿקומען פֿון פֿאַרשידענע מינים ספּעקולאַציע־געשעפֿטן. אין שטריקערפֿאַך זענען געווען אַלטע אַרבעטער וואָס האָבן געמאַכט אַלס זייערס אַ ספּעקולאַציע־געשעפֿט דאָס אויסלערנען שטריקערײַ, און דערפֿאַר זענען זיי געקרוינט געוואָרן מיט ספּעציעלע צונעמעניש, ווי צב"ש „מאיר הונדערטער", מחמת ער פֿלעגט נעמען הונדערט דאָלאַר לערנגעלט. אין אַזאַ אַנאָרמאַלער לאַגע אינעם פֿאַך איז דער יונגנטלעכער באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַן איבעריקער באַלאַסט הן מצד די בעלי־בתים און הן מצד טייל אַרבעטער.

עס דערמאָנט זיך מיר: אין אַ שבתדיקן פֿרימאָרגן זענען מיר זיך צונויפֿגעקומען, אַ דרײַסיק יונגנטלעכע טעקסטילער, אויף קאַרמעליצקע 15, אינעם צימער אין וועלכן מיר האָבן שפּעטער געגרינדעט די ביבליאָטעק אויפֿן נאָמען פֿון אַווערעמל שטריקער. אויף יענער פֿאַרזאַמלונג איז געשאַפֿן געוואָרן די יוגנט־סעקציע בײַם טעקסטיל־פֿאַראיין, מיטן חבר שימעלע נאָרענבערג אַלס פּאָרזיצער.

די אַרבעט פֿון דער יוגנט־סעקציע איז באַשטאַנען קודם כּל אין אויסקעמפֿן בעסערע מאַטעריעלע באַדינגונגען פֿאַר דער יוגנט אין די פֿאַבריקן, און זאָרגן אַז די יונגנטלעכע זאָלן מצד די בעלי־בתים באַקומען אַ בעסערע באַהאַנדלונג, אַז זיי זאָלן נישט באַנוצט ווערן צו הויזאַרבעט, און אויפֿקלערן די עלטערע אַרבעטער אַז דער יונגנטלעכער איז זייער ייִנגערער חבר און מיטקעמפֿער. די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער יוגנט־סעקציע האָט צווישן די יונגנטלעכע געפֿירט אַ סיסטעמאַטישע אויפֿקלער־אַרבעט וועגן דער סאָציאַלער אומגלײַכקייט אין דער הײַנטיקער געזעלשאַפֿט. זי האָט געשאַפֿן זעלבסטבילדונגס־קרײַזן וואָס האָבן זיך פֿאַרמערט פֿון וואָך צו וואָך.

צו יענער צײַט זענען דאָס רוב יידישע אַרבעטער געווען אונטער דער השפּעה פֿונעם „בונד", און די יוגנט — פֿון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפֿט".

איך בין דעמאָלט געווען פֿאָרשטייער פֿונעם קרײַז „טערמאַן".

פֿרום בין איך נאָך געווען און האָב ניט געשריבן אום שבת. האָט די חברטע גיטעלע ראַפּאָפּאָרט (אַ העפּטערין), צו יענער צײַט שוין אַ מיטגליד אין וואַרשעווער קאָמיטעט פֿון „צוקונפֿט", מיט אויסערגעוויינטלעכן טאַקט יעדן שבת פֿאַר מיר דורכגעפֿירט די מיטגלידער־רעגיסטראַציע פֿונעם קרײַז און אײַנגעמאָנט מיטגלידס־אָפּצאָל. מיט איר סיסטעמאַטישער און מיזאַמער אַרבעט האָט זי מיך און אויך אַנדערע איבערצײַגט צו ווערן דאָס וואָס מיר זענען געוואָרן.

די יוגנטקרײַזן פֿון אַלע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייניגן זענען דורך זייערע אויסגעוויילטע פֿאָרשטייערס פֿאַרבונדן געווען צווישן זיך אינעם וואַרשעווער מאָסשטאַב דורכן סעקרעטאַר פֿונעם וואַרשעווער קאָמיטעט בײַ דער „צוקונפֿט", דעם סטודענט קאַפּלאַן, וועלכער האָט שפּעטער אונטערן נאָמען שוואַרצמאַן געשפּילט אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג.

ס'דערמאָנען זיך מיר פֿון יענער צײַט די שבתדיקע פֿרימאָרגנס, די מיטינגען וואָס די „צוקונפֿט" האָט דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון די יוגנט־סעקציעס אײַנגעאָרדנט אין באַרימטן קינאָ „פֿאָרום", אויף נאָוואָליפּיאַרסקע 14, אויפֿן ערשטן שטאָק, ווו ס'זענען באַהאַנדלט געוואָרן נישט נאָר קולטור־פּראָבלעמען, נאָר דער עיקר פּאָליטישע צײַטפֿראַגעס. אויף יענע מיטינגען און פֿאַרזאַמלונגען זענען געקומען צום וואָרט נישט בלויז די אָפֿיציעלע רעפֿערענטן פֿון דער „צוקונפֿט", נאָר אויך אָפּאָנענטן פֿון דער אומלעגאַלער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכע פֿלעגן אַרויסטרעטן אונטערן נאָמען „פֿאָרשטייערס פֿון דער מאַרקסיסטישער פֿראַקציע".

אַ נישט־פֿאַרגעסלעכע עפּאָכע אינעם לעבן פֿון דער דעמאָלטיקער יוגנט איז געווען די דיסקוסיע־צײַט אַרום די 21 אויפֿנעם־באַדינגונגען פֿונעם 3טן אינטערנאַציאָנאַל. דאָס איז געווען די צײַט פֿון דעם אויספֿורעמען זיך פֿון לינקע פֿראַקציעס אין די יוגנט־סעקציעס. ס'איז נאָך פֿריש אין מײַן זכרון דער אָוונט ווען מיר זענען אין געהיים זיך צונויפֿגעקומען אינעם לעדער־פֿאַראיין, נאָוואָליפּקע 7, און פֿאָרשטייערס פֿון אַלע לינקע גרופּעס בײַ די יוגנט־קרײַזן זענען ווי פֿאַרשווערערס בײַ נאַכט אַרײַן אין לאָקאַל. ווען אַלע זענען שוין געווען אינעווייניק האָבן מיר פֿאַרשלאָסן די טיר און אין דער פֿינצטער אָפּגעהאַלטן אונדזער ערשטן געהיימען צוזאַמענטרעף. נאָכן אַרויסזאָגן זיך פֿון די פֿאָרשטייערס פֿון אַלע קעמערלעך איז געוואָרן באַשלאָסן צו גרינדן די „קאָמצוקונפֿט"־פֿראַקציע אינערהאַלב דער „צוקונפֿט" און גלײַכצײַטיק מעלדן דעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון „בונד" אַז אונדזערע אָפֿיציעלע פֿאָרשטייערס זענען גיטעלע ראַפּאָפּאָרט (הײַנט אין פּוילן, פֿאַרוואַלטערין פֿון דער פּאַרטיי־ביבליאָטעק), מענדל סקראָבעק און דער שוין פֿריִער דערמאָנטער סטודענט קאַפּלאַן.

די אָנפֿירונג פֿון דער „צוקונפֿט", באַקומענדיק די מיטטיילונג וועגן דער קאָנסטיטויִרונג פֿון אונדזער פֿראַקציע, האָט אויפֿגעפֿאָדערט אולטימאַטיוו אונדזערע פֿאָרשטייערס, זיי זאָלן גלײַך אויפֿלייזן די פֿראַקציע, און האָט זיי געדראָט, אין קעגנפֿאַל, מיט אויסשליסן פֿון דער פּאַרטיי. אונדזערע פֿאָרשטייערס האָבן אַפּעלירט צו דער העכסטער אינסטאַנץ פֿון דער באַוועגונג, און געפֿאָדערט

צו פֿאַררופֿן אַן אויסעראָרדנטלעכן קאָנגרעס. מורא האָבנדיק פֿאַר די רעזולטאַטן פֿון אַזאַ קאָנגרעס האָבן די „דעמאָקראַטישע" פֿירערס פֿון דער „צוקונפֿט" אויסגעשלאָסן אונדזערע פֿאָרשטייערס פֿונעם װאַרשעװער קאָמיטעט. דער דאָזיקער באַשלוס האָט געװירקט װי אַן אויפֿרײַס. עס זענען זיך באַלד צונויפֿגעקומען די קעמערלעך, און נאָך היציקע דעבאַטעס איז באַשלאָסן געװאָרן אָפּצוװאַרפֿן דעם באַשלוס פֿונעם צ"ק און פֿון װאַרשעװער קאָמיטעט פֿון „צוקונפֿט" און רופֿן אַלע מיטגלידער פֿון דער װאַרשעװער אָרגאַניזאַציע אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אין לעדער־פֿאַראיין כּדי אויסצוװײלן אַ נײַע אָנפֿירונג פֿון דער אָרגאַניזאַציע.

איך װײס נישט װי אַנדערע, אָבער איך האָב ביז דעמאָלט קיין מאָל נישט געזען אַזױ ליכטיק דעם לעדער־פֿאַראיין, קיין מאָל ביז דעמאָלט נישט געזען אַזעלכע שײַנענדיקע פּנימער װי אויף יענער פֿאַרזאַמלונג. טראָץ דעם װאָס דער חבר קאַפּלאַן איז געזעסן אויף דער טריבונע אײַנגעװיקלט אין זײַן װינטער־מאַנטל, מיט אַ טרויעריקן פּנים, טראָץ דעם װאָס דער חבר אַבראַשע האָט געװײנט בײַם אויפֿפֿאָדערן אַלע טרײַע „צוקונפֿטיסטן" צו פֿאַרלאָזן די פֿאַרזאַמלונג, איז די דאָזיקע פֿאַרזאַמלונג פֿאַר 95 פּראָצענט פֿון די בײַזײַענדיקע געװען אַ מאָמענט פֿון העכסטער דערהייבונג, און װען עס האָט באַקומען דאָס װאָרט צו באַגריסן אונדזער פֿאָרשטייער פֿון לאָמזשע, דער סטודענט ליבערט מוזשינסקי, זענען די אַקלאַמאַציעס געװען אָן לשער.

דעם אָװנט איז אָפֿיציעל געגרינדעט געװאָרן די „קאָמצוקונפֿט", װעלכע האָט נאָך צװײ יאָר עקסיסטענץ און צוזאַמענאַרבעט מיטן קאָמיוג, זיך פֿאַראייניקט מיט דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע פֿון דער רעװאָלוציאָנערער יוגנט.

---

דער שטײַגנדיקער קריזיס אינעם דעמאָלטיקן פּוילן האָט צום שטאַרקסטן געדריקט די אַרבעטער־יוגנט, בפֿרט די ייִדישע. בײַ אַזאַ לאַגע האָבן די רעװאָלוציאָנערע שטימונגען פֿאַרכאַפּט די ייִדישע יוגנט און די אַדבעטנדיקע פּראָגרעסיװע אינטעליגענץ, װאָס האָבן נישט געװאָלט אַקצעפּטירן גרינבוימס באַרימטן זאָג אינעם פּוילישן סיים אַז „אין פּוילן איז פֿאַראַן אַ מיליאָן איבעריקע ייִדן". די „איבעריקע" האָבן זיך אַרײַנגעװאָרפֿן אין קאַמף מיט דעם גאַנצן מסירת נפֿש, מיטן גאַנצן פֿײַער פֿון זייערע יונגע נשמות, קעגן אַנטיסעמיטיזם און מלחמה, פֿאַר ברויט און פֿרײַהייט. אין דעם שװערן און פֿאַרביטערטן קאַמף, פֿול מיט קרבנות, האָט די ייִדישע יוגנט, װי אַ טייל פֿון דער גאַנצער יוגנט פֿון לאַנד, געשפּילט אַ ביז גאָר װיכטיקע ראָלע און איז אַלע מאָל געשטאַנען אויף די פֿאָדערשטע פּאָזיציעס.

מיר האָבן זיך אַ לענגערע צײַט פֿאַרזאַמלט אויפֿן הויף פֿון קאַרמעליצקע 15. דער פֿאַראיין איז געװען אָנגעװאָרפֿן מיט קאַלך, קרײַד און פֿאַרב. בלויז איין צימערל װאָס דאָס פֿענצטער זײַנס איז אַרויסגעגאַנגען אויפֿן צװייטן הויף, איז געבליבן אומבאַרירט פֿון די מולאַרעס. דאָרט איז געװען דער סעקרעטאַריאַט, װוּ עס האָבן אַמטירט דער חבר מענדל סקראָבעק און זײַן געהילף שלמהלע דימאַנט. טראָץ דעם װאָלטן זיך צוליבן נישט קאָנען זײַן אין די פֿאַראײנס־לאָקאַלן, האָט עס דאָך אונדז פֿאַרשאַפֿן פֿרייד. מ'האָט אויסגעפּוצט אונדזער פֿאַראיין, יעדע װאַנט האָט באַקומען אַן אַנדער קאָליר. מ'האָט אַרײַנגעלייגט אַ װעלט מיט אַרבעט, געלט, אײַנפֿאַל און אָנשטרענגונג, מ'האָט געװאָלט אַז דער צוזאַמענקום־פּלאַץ פֿון די ייִדישע טעקסטילער זאָל זײַן װאָס שענער און אָנגענעמער. און אַזױ װאָלט עס מן הסתם געװען. אָבער עס דערמאָנט זיך מיר אַז װי נאָר מיר האָבן באַנײַט דעם פֿאַראײנס־לאָקאַל און נישט באַװיזן דערכּט מיט אים זיך אָנצופֿרייען, האָט מען אונדז דעם לאָקאַל פֿאַרמאַכט.

עס איז געװען אַ שבת אין דער פֿרי, 9 אַ זייגער. מײַן קרײַז „טערמאַן" איז געװען פֿאַרזאַמלט אין פֿאַראיין. און אָט הערט זיך אַ שרעקלעכער אויפֿרײַס װעלכער האָט געמאַכט ציטערן די פֿענצטערשויבן אין דער געגנט. אויף סטאַװקע, װוּ איך האָב געװױנט, זענען די שויבן אַרויסגעפֿאַלן פֿון די פֿענצטער. דאָס איז געװען אַן אויפֿרײַס אין װאַרשעװער ציטאַדעל, אין װאָס די רעאַקציע האָט באַשולדיקט די צװיי רעװאָלוציאָנער געשטימטע אָפֿיצירן באַגינסקי און װױטשערקאָװיטש. אין דער נאַכט פֿון שבת אויף זונטיק זענען

אַלע לינקע אַרבעטער־אינסטיטוציעס געװאָרן איבערגעפֿאַלן און פֿאַרחתמעט. װי שוין דערמאָנט, האָט דער טעקסטיל־פֿאַראיין פֿאַרמאָגט אַ רײַכע ביבליאָטעק אויפֿן נאָמען פֿון אַװרעמל שטריקער, און די אָנפֿירנדיקע חברים זענען געװען אַנטשלאָסן אָפּצוראַטעװען דעם דאָזיקן קולטור־אוצר, און זיי האָבן אים טאַקע געראַטעװעט.

עס זענען מאָביליזירט געװאָרן אַ גרעסערע גרופּע יוגנטלעכע. ראשית האָבן מיר אונטערגעקויפֿט דעם סטרוזש, אַז ער זאָל „גאָרנישט זען", נאָך דעם האָט איין חבר אַרונטערגעריסן די חתימה פֿון דער טיר פֿון סעקרעטאַריאַט און איז אַרײַן אין פֿאַראיין, אַרבעטנדיק אין דער פֿינצטער. כּדי נישט צו דערװעקן קיין חשד האָט ער קודם כּל אַרויסגענומען די מיטגלידסביכער מיט אַלע סטעמפּלען, און נאָך דעם אין אַ זאַק אָנגעשאָטן די ביכער. באַקומענדיק דעם אָפּגערעדטן צייכן, זענען מיר צו צו דער טיר, האָבן געגעבן די באַשטימטע צאָל קלעפּ װי אַ סימן, איבערגענומען דעם זאַק מיט ביכער און איבערגעלאָזט אַ ליידיקן זאַק, און גלײַך פֿאַרשװוּנדן מיט דער סחורה אויפֿן באַשטימטן פּלאַץ. אַזױ איינער נאָכן צװייטן. אַזעלכע מאַרשרוטן האָבן מיר געמאַכט אין יענעם אָװנט אַ סך. דאָס „שטיקל אַרבעט" איז אָרגאַניזירט און דורכגעפֿירט געװאָרן דורך די חברים אַברהם ראָזנפֿעלד און יאַנקל גאָלדשטיין (געשטאָרבן אין בוענאָס־אײַרעס אין דעצעמבער 1953), סעקרעטאַר און ביבליאָטעקאַר פֿון דער ביבליאָטעק. מיט די אָפּגעראַטעװעטע ביכער איז אַ ביסל שפּעטער געגרינדעט געװאָרן דער פֿאַרלאַג און ביבליאָטעק „דאָס לעבן", װוּ טויזנטער אַרבעטער זענען געװען מיטגלידער און לייענער.

---

װאַרשע איז געװען צעטיילט אין ראַיאָנען: װאָליע, פּאָװאָנזעק, אָכאָטע, פּושעדװישלע און אַנדערע. אָבער װער האָט נישט געהערט פֿון „מורדזשעל"? דער דאָזיקער נאָמען איז געװען אַ דערװיז פֿון קעמפֿער, אַ צײַגעניש פֿון רעװ' אַקטיװיטעט, װײַל מען האָט נישט געקענט געהערן צום „מורדזשעל" און זײַן פּאַסיװ.

אין אַלע אַקציעס װאָס דער קאָמיוג האָט דורכגעפֿירט איז „מורדזשעל" שטענדיק געװען דער ערשטער און אויף די פֿאָדערשטע פּאָזיציעס. און מורדזשעל איז נישט געװען קיין סעקטע פֿאַרשװערערס, מורדזשעל האָט געהאַט זײַן מאַסן־באַזע אין די פּראָפֿ' פֿאַראײנען, מורדזשעל האָט געהאַט הונדערטער יוגנטלעכע, װעלכע האָבן געהערט צום „מאָפּר" (די אָרגאַניזאַציע װעלכע האָט זיך פֿאַרנומען מיט שטיצן די פּאָליט' אַרעסטירטע) מורדזשעל האָט געהאַט הונדערטער פּיאָנערן, צוקונפֿטיקע קאָמיוגיסטן. מורדזשעל האָט אָנגעפֿירט מיט דער יוגנט װאָס האָט געהערט צו די רויטע יוגנט־פֿראַקציעס בײַ אירע פֿאַראײנען. די דאָזיקע גרויסע מאַסע פֿון יוגנט איז געװען ביז גאָר אָרגאַניזירט און דיסציפּלינירט. יעדער באַשלוס פֿון דער באַװעגונג איז געװען גלײַך װי אַ געזעץ. עס האָבן זיך דעריבער געזאַמלט אַרום אָט דער באַװעגונג די מוטיקסטע, די סאַמע ענטוזיאַסטישע, די דעצידירטסטע, די איבערגעגעבנסטע. די כאַראַקטערלאָזע און שװאַכע זענען בײַ די ערשטע שװעריקייטן און געפֿאַרן אַװעקגעפֿאַלן, און האָבן, צום באַדויערן, אין געװיסע פֿאַלן פֿאַרראַטן.

אַז עס איז געקומען אַן ערשטער מײַ אין װאַרשע, אַן אינטערנאַציאָנאַלער יוגנטטאָג, די יאָרצײַטן פֿון די דרײַ למ״ד (לענין, ליבקנעכט, לוקסעמבורג), דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָטעסטטאָג אָדער גאָר אַרבעטסלאָזע־מאַניפֿעסטאַציעס (יאָרן 1925—1926), זענען די דאָזיקע אַקציעס אין קאָמיוג באַגלייט געװאָרן מיט אַ ריזיקן קאַמפּיין פֿון הענגען פֿענער אויף די טראַמװײדראָטן אָדער אויף די טעלעפֿאָנישע דראָטן פֿון די דעכער. אַ גאַנצער שטאַב יאַטן האָט געאַרבעט אין די אומלעגאַלע דירות בײַם צוגרייטן די פֿענער, די זשאַבקעס, די שטריק. מען האָט זיך געאיבט אין פֿאַרװאַרפֿן פֿענער. און עס איז געװען אַ נאָרמאַלע דערשײַנונג אַז װען אַ חבר האָט אונדז פֿאַרלאָזט בײַ דער אַרבעט — ער איז אַװעק פֿאַרװאַרפֿן אַ פֿאָן — האָבן מיר אים נישט געזען מער ביזן פּראָצעס. אַזױ איז געשען מיט דוד זאַכאַריאַש (אומגעקומען אין ביאַליסטאָק אין קאַמף קעגן די נאַציס אין 1941).

דאָס קלעפּן בלעטלעך אָדער דאָס שאַבלאָנירן די װענט מיט אומלעגאַלע לאָזונגען איז געװען אַ נאַכט־נאַכטיקע אַרבעט, און נאָר

די וועלכע האָבן זיך אין איר באַטייליקט האָבן אַ באַגריף מיט וואָס פאַר אַ געפאַרן דאָס איז געווען פאַרבונדן, ווײַל אויף יעדן טריט און שריט האָט געלויערט דאָס וואַכזאַמע אויג פון אַ גאַנצער כאָפּטע שפּיצלעס, קאָנפידענטן און אָפיציעלער פּאָליציי, וועלכע האָבן נישט נאָר אַרעסטירט נײַערט אויך געשאָסן אויף די וועלכע האָבן דורכגעפירט די דאָזיקע אַרבעטן. אַזוי איז אין 1928 דערשאָסן געוואָרן אויף דער אָסטראָווסקע־גאַס דער יוגנטלעכער מורדזשעלאָוויעץ, דער שנײַדער טורעק, ווען ער האָט שאַבלאָנירט בעת אַן אַקציע.

ווי געזאָגט, איז אָט די אַרבעט געווען פאַרבונדן מיט אַ סך שוועריקייטן און געפאַרן. דאָך אונטער קיין שום אומשטענדן איז די אַרבעט בײַ אונדז אין וואַרשע נישט געוואָרן איבערגעריסן.

עס דערמאָנט זיך מיר: עס איז געווען עטלעכע טעג פאַרן ערשטן מײַ. די בערזע אונדזערע האָט זיך דעמאָלט געצויגן דורך דזשיקע (שפּעטערדיקע זאַמענהאָף), נאָוואָליפּקע, פּשעיאַזד און לעשנע, ביז קאַרמעליצקע. מיר זענען געווען געווױנט, נאָך דעם ווי מיר זענען געוואָרן פרײַ פון די זיצונגען, איידער מיר זענען אַהיימגעגאַנגען שלאָפן, זיך דורכצוגיין איבער דער בערזע, זיך כאָטש באַגריסן מיט אונדזערע נאָענטסטע, וואָס ווער ווייסט צי מיר וועלן זיי נאָך ווען עס איז זען. — איז אָט שפּאַציר איך אויף דער דזשיקע, כמעט בײַ דער נאָוואָליפּקע, ווו עס איז געשטאַנען דער פּאַפּיראָסן־פאַרקויפער, און פּלוצעם — ווי מען וואָלט מיך אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַלטן טוש: פּאָליציי פירט אַ גרעסערע גרופּע יוגנטלעכע מיט די קעסעלעך קליי און מיט די פּענדזלען. אין שפּיץ פון דער גרופּע גייט מײַנער אַ חבר, אַ שטריקער־אַרבעטער מעכל אַלבאַסטער (געפינט זיך הײַנט אין פּוילן), און נאָך אים פירט מען אַ גרעסערע גרופּע יוגנטלעכע יידישע און פּוילישע חברים. איך קען זיי אַלעמען... דאָס האָט מען אַראָפּגענומען דעם גאַנצן פּאָדפּונקט פון וואָליע־פּאָוואָנזעק...

---

צו מאָרגנס 6 פרי איז בײַ מיר געווען דער סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע, דער ווײַסער יאַנעק (אַדאַם שוואַרצפּוקס), און האָט מיר געמאָלדן אַז איך מוז איבערנעמען די טעכניק אין דער דזשעלניצע, און אַז די מײַאַקציע טאָר נישט לײַדן. און די אַקציע האָט טאַקע נישט געליטן.

---

ווען איך לייען וועגן דעם העראָישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און איך באַקען זיך מיט די אַקטן און מאַטעריאַלן, טרעף איך זיך כסדר אָן אויף נעמען פון נאָענטע חברים, פון פיל באַקאַנטע פרײַנד, פון אַקטיווע טוערס, מיט וועלכע איך האָב זיך באַגעגנט אין דער הייליקער אַרבעט.

אָט שײַנט פאַר מיר אויף די אידעאַלע געשטאַלט פון מיכאַל ראָזנפעלד, פּסעוודאָנים ראַוויטש, אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער, אַ פּראָלעטאַרישער אינטעליגענט. מיר האָבן אַ צײַט געאַרבעט צוזאַמען בײַ יידישער אַרבעט. עס קומט פאַר די ערשטע וואַרשעווער קאָנפערענץ פון קאָמיוג אין הויז פון אַדאַמען פון טעקסטיל אויף דער גענשע, קעגן דער מיליטערישער תפיסה. ראַוויטש איז פון מורדזשעל און פון דער יידביוראָ, איך בין געקומען פון וואָליעפּאָוואָנזעק. אָבער מען דאַרף דאָ ספּעציעל דערמאָנען די אָנוועזנ־



הייט פון היבנערן, קניעווסקין און רוטקאָווסקין, וועלכע איך האָב געזען צום ערשטן און צום לעצטן מאָל אויף אָט דער קאָנפערענץ, ווײַל עטלעכע וואָכן שפּעטער זענען זיי דורכגעפאַלן בײַם אויספירן דעם נישט־געלונגענעם אַטנטאַט קעגן פּראָוואָקאַטאָר צעכנאָווסקי, בעת וועלכן זיי האָבן אין זעלבסטפאַרטיידיקונג געהאַט אַ דראַמאַטישע איבערשיסונג מיט דער פּאָליציי. שפּעטער האָט זיי אַ פּויליש שטאַנדגעריכט פאַראורטיילט און זיי זענען דערשאָסן געוואָרן מיטן לעצטן אויסגעשריי „זאָל לעבן די קפּ״פּ און דער זמ״ק״. כ׳וויל דאָ אויך דערמאָנען וועגן אַ צווייטן, וואָס האָט געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. ער איז געקומען אויף דער קאָנפערענץ אַ סך שפּעטער, אין דעם אוניפאָרם פון אַ מאַטראָס, זײַן פּסעווודאָ איז געווען שאַטאַן. דעמאָלט איז ער נאָך געווען אַ ערלעכער מענטש — אַלע האָבן זיך געפרייט מיט אים —, אַ פאָרשטייער פון דער אַרמיי. אָבער דער דאָזיקער „שאַטאַן״ איז שפּעטער געוואָרן אַ פּראָוואָקאַטאָר, ער האָט פאַרשיט די ווויסקוווקע, „די מיליטער־אָפּטיילונג בײַ דער יוגנט״, ער האָט פאַרשיט אַן אויספלוג פון דעם פאָלקס־אוניווערסיטעט, און זײַן נאָענטסטער חבר וואָזשניאַק האָט אים דעמאָלט דערלאַנגט קלעפּ גלײַך אין קאָמיסאַריאַט און האָט שפּעטער אָרגאַניזירט אַ גרופּע, ווו עס זענען אויך געווען די חברים מיעטעק, אַבראַמעק און אַנדערע, זיי זאָלן אים ליקווידירן.

אויף אָט דער קאָנפערענץ איז צו מיר צוגעקומען דער ח׳ מיכאַל און מיך געבעטן, איך זאָל רעדן יידיש. אויף מײַן פראַגע פאַר וואָס ער רעדט נישט קיין יידיש ווי אַ פאָרשטייער פון דער יידישער ביוראָ, האָט ער מיר באַמערקט: אַלע ווייסן אַז איך קען גוט פּויליש. דו, דערקעגן, מוזט רעדן יידיש, כדי די פּוילישע חברים זאָלן זען אַז מיר זענען יידן. און איך — האָט ער צוגעגעבן — וועל דיך איבערזעצן אין פּויליש.

און אַזוי איז טאַקע געווען.

---

וויפל זאַכן וואָלט איך געקענט דערמאָנען וועגן די חברים פון אָט יענער שטורמישער צײַט. עס ווערט גערעדט וועגן „פּאַוועל״ (ברוסקין) געפאַלן ווי אַ קאָמענדאַנט אָנפירנדיק מיט זײַן קאַמפּסגרופּע אויף מיאָדאָווע 14. איז דאָס נישט אַ מאָל פּאַוועל פון מעטאַל, וועלכער האָט אין 1927 מיט מיר געאַרבעט אין „מורדזשעל״ און אַ צײַט מיך באַגלייט מיט אַ גרופּע, שיצנדיק מיך בעת איך בין אַרויסגעטראָטן ווי אַן אָפּאָנענט אויף קעגנערישע מיטינגען?

ווער ווייסט? נישט געווען קיין נעמען אין דער באַוועגונג, נאָר פּסעוודאָנימען, און אויך די פּסעוודאָנימען זענען נישט געווען קיין שטענדיקע. און אויב מיר געדענקען געוויסע חברים בײַ די נעמען, איז עס בלויז מחמת מיר קענען זיי נאָך פון דער „צוקונפט״ אָדער פון דעם זעלבן פאַראיין, אָדער ווײַל זיי זענען געווען גאָר נאָענטע חברים. איין זאַך איז זיכער: אַז אונטער דער אָנפירונג און מיט דעם פּערזענלעכן בײַשפּיל פון אַזעלכע קעמפער ווי דער „ווײַסער יאַנעק״, מיכאַל ראָזנפעלד, נאַטקעלע פון מורדזשעל, פּאַוועל פון מעטאַל, און צענדליקער אַנדערע, האָבן די יידן אין געטאָ באַקומען מוט און גלויבן אין קאַמף קעגן דער נאַצי־בעסטיע.

זאָלן די דאָזיקע שורות פראַגמענטן פון אַ גרויסער און שטורמישער עפּאָכע, אין וועלכער עס האָבן געקעמפט און עס זענען געפאַלן טויזנטער פון פּוילנס בעסטע זין, זײַן אַ בײַטראָג פאַר דער פאַראייביקונג פון זייערע נעמען לדור דורות.

ל. פאַרבער — (בראַזיל)

# דער כעמישער פאַראיין פון ניזקע 59 אין װאַרשע

אין דער יידישער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין וואַרשע האָט פאַרנומען אַ געוויסן פּלאַץ דער פראָפ׳ פאַראיין פון כעמישע אַרבעטער אויף ניזקע 59, כאָטש ער האָט נישט געהערט צו די עלטסטע און נישט צו די שטאַרקסטע יידישע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

להיפך צו די פאַראיינען פון לעדער, האָלץ, מעטאַל און נאָדל־אַרבעטער האָט דער כעמישער פאַראיין נישט געהאַט אין זיין באַשטאַנד קיין איינעם פון די טראַדיציאָנעלע דורותדיקע יידישע פאַכן, און אין זיינע סעקציעס זענען געוואָרן אָרגאַניזירט אַרבעטער פון אונטערנעמונגען, וואָס זענען מערסטן טייל געווען אַ פּראָדוקט פון ניי איינגעפירטע אינדוסטריע־צווייגן. זיינע עטלעכע הונדערט מיטגלידער זענען דאָס רוב באַשטאַנען פון אַ יונגן פרויען עלעמענט, אָפט מאָל טעכטער פון קליינבירגער. עלטערן, וואָס די וואַקסנדיקע פאָדערונגען פון דער צייט מיט אירע אַלץ גרעסערע אויסגאַבעס אויף קליידונג, שיך־ און פאַרוויילונג האָבן זיי געצוווּנגען שיקן די קינדער צו אַרבעטן אין פאַבריק. פיל מאָל זענען די פאַרדינסטן פון די יונגע מיידלעך געווען אַ שטיצע אין בודזשעט פון אַן אָרעמער, ווייניק־פאַרדינענדיקער אַרבעטער־פאַמיליע.

טראָץ דעם נאָמען פון פאַריין וועלכער האָט זיך גערופן פראָפ״ פאַראיין פון כעמישע אַרבעטער, האָבן זיינע סעקציעס געהאַט ווייניק וואָס צו טאָן מיט כעמיע.

דער כעמישער פאַראיין איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1925, אין דער צייט פון פאַרהעלטנישמעסיקן אָפּפלוס אין דער פראָפ. באַוועגונג אין פּוילן. די פּוילישע רעאַקציאָנערע רעגירונגען האָבן שוין צו יענער צייט געהאַט באַוויזן מיט דער הילף פון פּאָליציייִשן טעראָר צו אַנולירן אין אַ גרויסן טייל די רעזולטאַטן פון דעם ענטוזיאַסטישן אויפשטייג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די יאָרן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, און נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט. אַ טייל פראָפ. פאַראיינען, מיט אַ גרויסער מיטגלידערשאַפט אין דער צייט פון אויפשטייג זענען איצט געווען פאַרמאַכט, אַנדערע האָבן זיך געמאַטערט מיט אַ נישטיקע צאָל מיטגלידער וואָס האָבן זיי נישט דערלויבט צו אַנטוויקלען אַ ברייטערע אַקציע לטובת די אַרבעטער־אינטערעסן.

נאַטירלעך, האָט די רעאַקציע ווייניקער געטראָפן די שטאַרקע און גרויסע פראָפפאַראיינען, וואָס האָבן שטענדיק נאָך יעדן קלאַפּ געפונען אין זייערע רייען גענוג כוחות אויף זיך צו רעאָרגאַניזירן און ווייטער אָנצוגיין מיטן קאַמף. אָבער אויך אין די קלענערע פאַראיינען האָבן זיך געפונען ערלעכע, באַוווּסטזיניקע און דעצידירטע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן.

די גרינדונג פונעם כעמישן פאַראיין אויף ניזקע 59 איז טאַקע געווען אַ רעזולטאַט פון דעם אומבאַזיגבאַרן דראַנג פון די ווידערשטאַנדספעיִקע עלעמענטן פון עטלעכע צעקלאַפּטע פאַראיינען ווידער אויפצובויען זייערע פראָפעסיאָנעלע פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס.

דער ערשטער שטויס צו שאַפן דעם פאַראיין איז געקומען מצד די פאַרבערס און די שאַכטל־מאַכערס, אָדער פּודעלע־מאַכערס. די פאַרבערס זענען אין די „גוטע צייטן״ געווען אָרגאַניזירט אין פּוילישן כעמישן־פאַראיין אויף כלאָדנע 10.

נאָך די פּילמאָליקע פּאָליציייִשע איבערפאַלן אויף כלאָדנע 10, וווּ עס איז אויך געווען דאָס זיצאָרט פון דעם לינקן ראַט פון די פראָפפאַראיינען, איז די פאַרבער־סעקציע זיך צעפאַלן. אין יאָר 1925 זענען די עטלעכע צענדליק יידישע פאַרבער־אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער טריקאָטאַזש־אינדוסטריע געווען פאַרמעל אָרגאַניזירט אין כעמישן פאַראיין פון די פּועלי־ציון אויף דזשיקע 38.

די פּועלי־ציון פאַרטיי האָט אָבער הויפּזעכלעך גענוצט דעם פאַראיין פאַר רעפּרעזענטאַנץ־צוועקן, כדי מיט אים צו פאַרגרעסערן איר פאָרשטייערשאַפט אויף די צווישן־פאַרטייִשע באַראַטונגען. קיין שום ערנסטע אָרגאַניזיר־אַרבעט ביי די פאַרבערס האָט דער פאַראיין נישט געפירט און אפילו נישט געקאָנט פירן, ווייל די מערהייט פאַרבער־אַרבעטער זענען געווען פּאָלאַקן, און די פּועלי־ציון האָבן זיך פון די יידישע ד׳ אמות נישט געוואָלט אַרויסרירן.

די פאַרבער־אַרבעטער האָבן צו יענער צייט, מיט קליינע אויסנאַמען, געאַרבעט 9־10 און 12 שעה אַ טאָג פאַר אַ קליינעם לוין, אָן פאַרזיכערונג אין דער קראַנקן־קאַסע און אין אַרבעטסלאָזנפאָנד.

דער צושטאַנד האָט באַוויגן די אַרבעטער פון דער פאַרבערייַ אויף מילע 61 און פון אַנדערע פאַרבערייען איבערצורייסן מיטן כעמישן־פאַראיין פון דזשיקע 38, וואָס האָט זיך נאָר וואָס געהאַט איבערגעטראָגן אין אַן אַנדערן, פּועלי־ציוניסטישן לאָקאַל, אויף נאַוואָליפּקע, און צו שאַפן אַ יידישע אָפּטיילונג ביים כעמישן פאַראיין, אויף כלאָדנע 10, וואָס האָט זיך שפּעטער איבערגעטראָגן אין דער יידישער געגנט, אויף ניזקע 59.

אַריבערקומענדיק אויף כלאָדנע 10, האָבן די יידישע פאַרבער־אַרבעטער צוזאַמען מיטן פּוילישן כעמישן פאַראיין, וועמענס סעקרעטאַר עס איז דעמאָלט געווען דער שפּעטערדיקער וויצע־פּרעמיער פון נאָכמלחמהדיקן פּוילן, וו. גאָמולקאַ, דורכגעפירט אַ שטרייק־אַקציע, אַ דאַנק וועלכער עס איז ביי די פאַרבערס אָפּגעהיטן געוואָרן דער 8שעהדיקער אַרבעטסטאָג און די אַרבעטער־געזעצגעבונג. עס איז אויך דערגרייכט געוואָרן אַ באַדייטנדיקע לוין־העכערונג. אין דער דאָזיקער אַקציע האָבן אַרויסגעוויזן אַן אומדערמידלעכע אַקטיוויטעט די פאַרבערס: מאיר קאַווע, שמואל ראָזענבערג, מאיר לעוויט, (הייַנט סעקרעטאַר פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד אין וראָצלאַוו) און משה קאַווע, דער שפּעטערדיקער סעקרעטאַר פון פאַראיין.

די יידישע אַרבעטער זענען געווען די פאַקטישע אָרגאַניזאַטאָרן פון שטרייק אפילו אין די פאַרבערייען ווו עס האָבן געאַרבעט בלויז פּוילישע אַרבעטער און די אייגנטימער פון די פאַרבערייען זענען געווען פּאָליאַקן. דער פאַקט איז ווערט דערמאָנט צו ווערן הייַנט, ווען די יידישע רעאַקציע, וועלנדיק שאַפן אַ שנאה צום פאָלקס־דעמאָקראַטישן פּוילן, וויל איינרעדן יידישע פאָלקסמענטשן אַז יידן האָבן זיך קיינמאָל נישט געקאָנט צונויפרעדן מיט פּאָליאַקן, וועלכע זענען אַלע אָן אויסנאַם, אייביקע יידישע שונאים. מען קאָן זיין מער ווי זיכער, אַז די פּוילישע באַלעבאַטים פון די פאַרבערייען האָבן נישט פאַרפעלט צו העצן קעגן די יידישע אָרגאַניזאַטאָרן פונעם שטרייק. די באַציונג פון די פּוילישע אַרבעטער צו זייערע יידישע קאַמפס־חברים איז טראָץ דעם, געווען די גאַנצע צייט פון שטרייק אַ וואַרעמע און חברישע.

די שאַכטל־אַרבעטער האָבן אין דער צייט פון דער גרינדונג פון כעמישן־פאַראיין שוין אויך געהאַט הינטער זיך אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע פון קאַמפן, שווערע קלעפּ און פאַרראַט.

די שאַכטל־אַרבעטער זענען לכתחילה געווען אָרגאַניזירט אין פּאַפּיר־פאַראיין אויף פּאַוויע 16, וואָס איז אין דער צייט פון דער אַנטשטייונג פון „קאָמבונד״ צוזאַמען מיט זיין סעקרעטאַר, דעם שפּעטער גוט באַקאַנטן אַרבעטער־טוער מענדל סקראָבעק, איבערגעגאַנגען אין לאַגער פון די לינקע פראָפפאַראיינען. מענדל סקראָבעק,

וואָס איז, אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען באַקאַנט אין פראַנקרייַך אַלס מיטרעדאַקטאָר פון „נייַע פּרעסע" אונטערן נאָמען דוויד קוטנער, איז געווען פון פאַך אַ שאַכטל־אַרבעטער. (ער איז אומגעקומען אין אויסראָטונגס־לאַגער פון נאַצווייַלער אין פראַנקרייַך אין דער צייַט פון דער דייַטשער אָקופּאַציע) צוזאַמען מיט מענדל סקראָבעק איז אין פּאַפּיר־פאַראיין פון פּאַוויע 16 אויך געווען שטאַרק אַקטיוו זייַן שפּעטערדיקע פרוי סאַראַ. (ח׳טע שרה)

די זעלבע רעזולטאַטן האָט געגעבן דער פּרווו פון די שאַכטל־אַרבעטער זיך אָנצושליסן אין כעמישן פאַראיין פון די פּועלי־ציון.

דערמוטיקט דורך דעם נייַעם כעמישן־פאַראיין, דערווייַל אויף בלאָדנע 10, זענען די שאַכטל־אַרבעטער צוגעטרעטן דורכצופירן אַ לוינאַקציע, וואָס האָט געגעבן די גלענצנדיקסטע רעזולטאַטן. אין שטרייַק, וואָס איז געווען אַ מוסטערהאַפטער, האָבן אָנטייל גענומען אַלע שאַכטל־אַרבעטער. צוליב דעם וואָס בלאָדנע 10 איז געווען ווייַט פון דער יידישער געגנט זענען די שטרייַק־פאַרזאַמלונגען פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון פּראָפפאַראיין פון דער הויזדינערשאַפט, און די אָנפירונג פון שטרייַק האָט געהאַט אירע טרעפונגען אויף דער גאַס.

דער גורל וואָס איז ביז דעמאָלט געווען אומדערבאַרמדיק צו די שאַכטל־אַרבעטער, האָט געמאַכט אַז אַן אַנדערע גרופּע אַרבעטערס זאָל אויך פאַרפאָלגט ווערן פון די בונדישע פּראָפ׳ אינסטאַנצן און בײַדע צוזאַמען איז געווען לייַכטער צו געפינען אַן אויסוועג.

אין יאָר 1925 איז פון בונדישן טראַנספּאָרט־פאַראיין אויסגעשלאָסן געוואָרן די סעקציע קוילן־טרעגער, וועלכע איז גלייַך צוגעטרעטן אויסצורעמאָנטירן דעם קעלער אויף ניזקע 59 און צו פאַרוואַנדלען אים אין אַ לאָקאַל פאַר זייער פאַראיין.

דער קעלער האָט געהאַט צוויי צימערן. איין צימער איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם נייַ אַנטשטאַנענעם כעמישן פאַראיין, וואָס האָט זיך אַהין איבערגעצויגן פון בלאָדנע 10.

דאָס צימערל פון כעמישן פאַראיין איז געווען פון אַרום 3 מעטער די גרויס אויף 5, מיט אַ נידעריקן האַלב קייַלעכדיקן סופיט, אין גאַנצן אָן פענצטער בלויז מיט אַ קרום לאָך, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צו דער גאַס, און איז ווינטער געווען פולשטענדיק פאַרמאַכט מיט אַ הילצערן טירל. אין דעם צימערל האָט מען קיין מאָל נישט געוווּסט ווען עס איז טאָג און ווען עס איז נאַכט. דאָס עלעקטרישע ליכט האָט שטענדיק געברענט און צו פיל לופט איז אויך נישט געווען. פאַראיינען אין קעלערס זענען געווען מער. דער פאַראיין פון די לעדער־אַרבעטער איז געווען אין אַ קעלער. דער יוגנטלעכער ספּאָרטקלוב „פּראָמיען" האָט געהאַט זייַן לאָקאַל אין אַ קעלער, ענלעך צום צימער פון כעמישן פאַראיין זענען אפשר נאָר געווען די קאַטאַקאָמבעס פון אַלטן רוים.

דאָך איז ביז דעם פּאָליציייִשן איבערפאַל, וועגן וועלכן עס שרייַבט זיך ווייַטער, דאָס צימערל פון פאַראיין געווען שטענדיק איבערפולט מיט אַרבעטער און אַרבעטערינס, וואָס זענען געקומען דערלידיקן זייערע פאַראיינס־ענינים און זיי האָבן זיך גערנישט געאייַלט אַוועקצוגיין.

אַ קורצע צייַט נאָך זייַן גרינדונג, האָט דער פאַראיין אַרייַנגענומען אַ דריטן קרבן פון פאַרפאָלגונגען און היימלאָזיקייט. דאָס זענען די אַרבעטערינס פון די גילזן־פאַבריקן, וואָס זענען אַמאָל געווען אָרגאַניזירט אין טאַבאַק־פאַראיין, וועלכער האָט געהאַט אַ טראַדיציאָנעלע לינקע אָנפירונג פון די ערשטע צייַטן פון זייַן אַנטשטייונג, און וואָס איז אויך געווען פאַרמאַכט דורך דער פּאָליציי.

די גילזן־אַרבעטערינס זענען געווען שטאַרק עקספּלאָטירט. דער לוין פון אַ מיידל איז געווען אין דורכשניט פון 12 ביז 15 זלאָטעס אַ וואָך. דעם פאַראיין איז נישט געלונגען צו אָרגאַניזירן די אַרבעטערינס פון די פּוילישע פאַבריקן, וועלכע זענען געווען די מערהייט. דאָך האָט ער אונטערגענומען אַן אַקציע מיט די יידישע אַרבעטערינס און עס איז אים געלונגען צו פאַרבעסערן זייערע לוינען און אויסצוקעמפן באַצאָלטע אורלויבן דאָרט, וווּ אַזעלכע זענען ביז דעמאָלט נישט אָפּגעהיטן געוואָרן. די פאַרביסענע קאַמפן זענען פאָרגעקומען אין דער פאַבריק „זשאַן", אויף גזשיבאָווסקע־גאַס, וואָס האָט געהערט צו די שותפים קאַלאָדנער־פּיאָטראָווסקי און אין וועלכער עס האָבן געאַרבעט אַרום 70 מיידלעך. אין גרויסע פּרעסט זענען די אַרבעטערינס געשטאַנען בייַם טויער פון פאַבריק, בכדי צו פאַרטיידיקן זייער אַרבעטס־פּאָסטן קעגן אָנפאַלן פון שטרייַקברעכערס אָדער פון אַרבעטערינס, וואָס האָבן נישט געוווּסט פון שטרייַק.

אין די אַקציעס פון גילזן־אַרבעטער האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זייַן ענערגיע און איבערגעגעבנקייט דער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון פאַראיין און שאַכטל־מאַכער אין אַ גילזן־פאַבריקל אויף דזשיקע גאַס, יאָסל סלאָוויאַנסקי.

אין פרילינג פון 1926 איז אין לאָקאַל פון טעקסטיל־פאַראיין אויף פּאַוויע פאָרגעקומען די ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונעם נייַ געגרינדעטן כעמישן פאַראיין, אויף וועלכער עס איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע געוויילטע פאַרוואַלטונג. אויף דער פאַרזאַמלונג איז מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן אויפגענומען געוואָרן דאָס הברייטע באַגריסונגס־וואָרט פונעם געוועזענעם באַליבטן טוער פון די שאַכטל־אַרבעטער און אין דעם מאָמענט סעקרעטאַר פונעם טעקסטיל־פאַראיין מענדל סקראָבעק. אויף דער פאַרזאַמלונג האָבן באַקומען די גרעסטע צאָל שטימען, — אַרום 170, — די גרינדער און איבערגעגעבענער טוער פון פאַראיין: משה קאַווע — פאַרבער, שמעון גראַבער און מרדכי שולבאַנק — שאַכטל־מאַכערס, וועלכע האָבן געבילדעט דאָס פּרעזידיום פון דער פאַרוואַלטונג.

דער פאַראיין האָט נאָך דעם אָרגאַניזירט די אַרבעטערינס פון דער פאַבריק פון קרעפּע־פּאַפּיר אויף מילע ראָג לובעצקיעגאָ, וווּ עס האָבן געאַרבעט אַרום 50 יידישע מיידלעך, וועלכע האָבן שפּעטער אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע העלדישקייט, דיסציפּלין און דעצידירטקייט אין די לוינאַקציעס.

עס זענען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן די אַרבעטערינס אין די פאַבריקלעך פון קנעפּ, צעלולאָידע־קעמלעך, פּאַפּיר־בייַטעלעך און אַנדערע פּאַפּיר־אויסאַרבעטונגען. אין די אַלע פאַבריקלעך זענען אַדורכגעפירט געוואָרן לוינאַקציעס און עס איז געזאָרגט געוואָרן דערפאַר אַז עס זאָל אָנגעהאַלטן ווערן די אָרגאַניזירטקייט פון די אַרבעטער.

די צרה אין די אַלע פאַכן איז געווען דער כראָנישער קריזיס וואָס האָט געמאַטערט פּוילן, די גאַנצע צייַט פון איר פאַרמלחמהדיקער עקסיסטענץ. דאָס אָפטע ווערטל: „הייַנט איז נישטאָ קיין אַרבעט, אפשר מאָרגן", האָט אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשלאָגן בייַ די אַרבעטער דעם קאַמפּסמוט.

דער כעמישער־פאַראיין האָט נאָך עטלעכע יאָרן טעטיקייט נעהאַט דעם זעלבן גורל ווי זייַנע פאָרגייער. אין יאָר 1930 איז דער פאַראיין פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער פּאָליציי און די אַרבעטער זענען ווידער געבליבן אויף דער גאַס. אָבער נאָך פיל פריִער האָט דער פאַראיין געהאַט אויסצושטיין אַן אומדערהערטן כוליגאַנישן איבערפאַל פון די „גראַנאַטענע שינעלן".

דאָס איז געווען אין אַן אָנהייב ווינטער. די קוילן־טרעגערס האָבן געהאַט אַ פאַרזאַמלונג אין זייער סאַלאָנדל און די „כעמישע" זענען געווען פאַרמאַכט אין זייער „קאַטאַקאָמב". פּלוצלינג הערט מען אַ טומל און איידער מען באַווייזט זיך צו אָריענטירן וואָס עס קומט פאָר, פאַלן אַרייַן אין צימער צעיושעטע פּאָליציאַנטן און שלאָגן מכות רצח, אַלע וואָס פאַלן זיי אַרונטער אונטער די הענט. אין ווייניק מינוטן זענען אַלע טרעגערס און כעמישע אַרבעטערס געווען פאַרזאַמלט אין צענטער פון הויף, אַרומגערינגלט מיט רייַטער און פוסגייער־פּאָליציי. יעדער באַוועגונג פון וועמען עס איז, ווערט באַגלייט מיט אַ קלאַפּ פון אַ שטעקן. אַמערסטן ווערן טעראָריזירט די עלטערע טרעגער־אַרבעטערס, וועמען מען צווינגט צו קושן דעם פּאָליציייִשן שטעקן און דעם פערדישן הינטן. שפּעטער האָט מען אַלע אָפּגעפירט אין פּאָליציי־צירקל אויף לובעצקיעגאָ. אויפן וועג האָט די רייַטער־פּאָליציי אַראָפּגעטריבן אַלע מענטשן פון די טראָטואַרן אין די הויף אַרייַן און די פוסגייער־פּאָליציי האָט געשלאָגן די אַרעסטירטע אַרבעטער מיט די קאָלבעס איבער די פּלייצעס, אין די זייַטן און וווּ עס האָט זיך געלאָזט. אין צירקל האָט מען די אַרעסטירטע אויסגעשטעלט בייַ דער וואַנט פון הויף און מען האָט אָנגעהויבן אויסצוקלויבן די עלטערע און די וואָס האָבן געהאַט אַ נע־

בעכדיקן אויסזען. מען האָט זיי צוגעפירט צום טויער און דאָרט זענען געשטאַנען פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיי „מכבד" געווען מיט אַזעלכע שטאַרקע קלעפּ אין אַ געוויסן קערפּערטייל אַז די צעשלאָגענע זענען אַזש אונטערגעשפּרונגען פון ווייטיק. נאָך דער „אָפּעראַציע" האָט מען זיי אַרויסגעשטופּט אויף דער גאַס און באַפרייַט. שפּעט ביי נאַכט האָט מען בייַ די איבעריקע צוגענומען די פּעסער און געלאָזט אַהיים. די פּעסער האָט מען נאָך דעם געמוזט גיין אָפּנעמען אין דער „דעפּענסיווע".

די געשיכטע פון דעם איבערפאַל איז ביז הייַנט געבליבן אומפאַרעפנטלעכט. די בונדישע „פאָלקס־צייַטונג" האָט זיך אָפּגעזאָגט וועגן אים עפּעס צו דערמאָנען. דער סעקרעטאַר פון פרייַדענקער־פאַרבאַנד, זאָלאָטאָוו, דאַקעגן האָט אַרייַנגעגעבן אַ נאָטיץ אין „וואָלני מישליטשעל", אין וועלכער עס איז אויסגעדרוקט געוואָרן מיטגעפיל די אַרבעטער פון כעמישן־פאַראיין, צוליב דער פאַרדרים־לעכער געשעעניש. די געשעעניש אַליין איז נישט דערמאָנט געוואָרן.

אין דער צייַט פון זייַן עקסיסטענץ אין דעם פאַראיין נאַטירלעך אויסגעקומען צו האָבן קאָנטאַקטן מיט אַנדערע פאַראיינען און אינסטיטוציעס. אייניקע פון זיי לוינט צו דערמאָנען.

דער אָפּסטער קאָנטאַקט איז געווען מיט די שכנים פון קוילן־טרעגער־פאַראיין. טראָץ דעם וואָס די קוילן־טרעגער האָבן זיך רעקרוטירט פון די אַמייסטנס אָפּגעשטאַנענע שיכטן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען מענטשן מיט אַ טונקעלער פאַרגאַנגענהייט, איז קיין מאָל נישט געקומען צו קיין צוזאַמענשטויס אָדער צו וועלכן עס איז בייזוויליקן ווערטער־אויסטויש צווישן די מיטגלידער פוןביידע פאַראיינען. די מיטגלידער פונעם קוילן־טרעגער־פאַראיין האָבן זיך באַציוגן צו די מיטגלידער פון כעמישן פאַראיין, וואָס זענען אין גרעסטן טייל באַשטאַנען פון יוגנטלעכע פרויען, חבריש און קאָרעקט. אַזוי איז אויך געווען די באַציונג פון די מיטגלידער פון כעמישן־פאַראיין צו די מיטגלידער פונעם קוילן־טרעגער־פאַראיין. אַ געוועזענער כעמישער אַרבעטער, עדוואַרד דימעטמאַן, איז אַ לאַנגע צייַט געווען סעקרעטאַר פון דעם פאַראיין פון קוילן־טרעגער. די קוילן־טרעגער האָבן פרייַוויליק און חבריש געשטיצט די אַקציעס פון די כעמישע אַרבעטער און גוטמוטיק זיי אָפּגעטרעטן זייער סאַלאָנדל אויף פאַרזאַמלונגען.

נאָרמאַל חבריש זענען געווען די באַציונגען צווישן דעם כעמישן־פאַראיין און דער פּוילישער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון פאַראיין פון די כעמישע־אַרבעטער אין פּוילן, פון וועלכן דער כעמישער־פאַראיין אויף ניזקע 59 איז געווען אַן אָפּטיילונג. אויף דעם קאָנגרעס פון פאַראיין, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1928 אין קראָקע און אויף וועלכן עס זענען געווען פאַרטראָטן די יידישע אָפּטיילונגען פון וואַרשע און ווילנע, זענען מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט געוואָרן די פאָרשלאָגן פון די יידישע דעלעגאַטן, קאַפּלאַן און קאַווע וועגן די נויטן און פאָדערונגען פון די יידישע אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די קליינע פאַבריקלעך, כאָטש צאָלמעסיק האָבן די יידישע אַרבעטער געשפּילט אַ נישטיקע ראָלע אין דער כעמישער אינדוסטריע.

גאַנץ אַנדערע זענען געווען די דערפאַרונגען וואָס דער כעמישער פאַראיין האָט געהאַט מיטן כל־ישראלדיקן מתים־שטיבל און מיטן בונדישן קולטוראַמט.

עס איז נויטיק געווען צו שיקן אַ דעלעגאַציע פון „שטאַרקע", בכדי אויסצופועלן בייַ דער מתים־אָפּטיילונג פון דער יידישער גמינע, זי זאָל דעם בכבודיקן אַרבעטער פון דער גילזן־פאַבריק „זשאַן" דוויד ג. נישט מקבר זייַן ערגעץ אויפן פאַרוואָרפנסטן ווינקל פונעם נייַעם בית־עולם אויף פּאָוואָנזעק.

ערגער איז געווען די דערפאַרונג פונעם כעמישן־פאַראיין אין זייַן קאָנטאַקט מיטן בונדישן קולטוראַמט.

דער כעמישער פאַראיין האָט זיך געווענדט צום קולטוראַמט, ער זאָל אָננעמען מיטלען. אַז דער בונדישער טראַנספּאָרט־פאַראיין זאָל אָפּשטעלן פון דער אַרבעט דעם שאָפער פון דער פּאַפּיר־פאַבריק אויף מילע, אין וועלכער 50 אַרבעטערינס האָבן שוין די דריטע וואָך געקעמפט קעגן דער אייַנגעשפּאַרטקייט פון פאַבריקאַנט, הער שאַפּיראָ. דער קולטוראַמט האָט געענטפערט אַז היות דער כעמישער פאַראיין איז נישט אָנגעשלאָסן אין קולטוראַמט, האָט ער מיט אים נישט קיין שום געמיינזאַמס און ער וואָרנט קעגן אַראָפּנעמען דעם שאָפער פון דער אַרבעט.

דער שטרייַק פון די פּאַפּיר־אַרבעטער איז מיט דער הילף פון אַנדערע פאַראיינען געוווּנען געוואָרן. די פאַרביטערונג קעגן דער צעריסנקייט אין די אַרבעטער־רייען איז אָבער נאָך לאַנג געבליבן וואַך אין געפיל פון די כעמישע־אַרבעטער.

די כעמישע אַרבעטער האָבן אָנטייל גענומען אונטער דער פאָן פון כעמישן פאַראיין אין די מייַ־דעמאָנסטראַציעס, וואָס זענען פאָרגעקומען אין וואַרשע. זיי האָבן אויך נישט געפעלט אויפן טעאַטער־פּלאַץ, אויף דער ריזיקער מייַ־דעמאָנסטראַציע פון 1928, וואָס האָט זיך לײדער געענדיקט מיט דער טרויעריקער שיסערייַ פון די פּפּ"סישע באָיוּווקעס, קעגן די אומבאַשיצטע אַרבעטער פון די לינקע פּראָפ.פאַראיינען.

דער פאַראיין האָט אָנטיילגענומען אין דער לוויה פון די דרייַ פּוילישע אַרבעטער, וועלכע זענען אומגעקומען אין אַ בנין, וואָס איז אייַנגעפאַלן אין רעזולטאַט פון דער פאַרנאַכלעסיקונג פונעם וואַרשעווער מאַגיסטראַט. די פּאָליציי האָט דעמאָלט אַרומגערינגלט דעם בית עולם און אומברחמנותדיק געממיתט די אָנטיילנעמער.

די באַטייליקונג פון די כעמישע אַרבעטער אינעם אַלגעמיינעם אַנטימלחמה־טאָג פון 1טן אויגוסט 1929 איז געווען כמעט אַ הונדערט פּראָצענטיקער דער שטרייַק אין די פאַבריקלעך פון די כעמישע אַרבעטער איז געווען אין אַ פיל העכערן פּראָצענט ווי בייַ די אַרבעטער פון די גרעסערע פאַראיינען.

בייַם כעמישן פאַראיין האָט עקסיסטירט אַן אַקטיווע און ענערגישע יוגנט־סעקציע, וואָס האָט געהאָלפן דער פאַרוואַלטונג אין אַלע אַקציעס און איז געווען באַזונדערס טעטיק אויפן קולטור־געביט: אין אָרגאַניזירן פאָרלעזונגען, אויספלוגן, קאָלעקטיווע באַזוכן אין טעאַטערס און מוזעומס און ענלעכע אונטערנעמונגען.

אין דער אָנפירונג פון דער יוגנט־סעקציע זענען געווען די יוגנטלעכע: יצחק יעדוואַב, איזאַק זאַרך און אַ רײ יוגנטלעכע אַרבעטערינס פון דער גילזן־פאַבריק „זשאַן" און פון אַנדערע פאַבריקלעך.



אַקטיוויסטן פון כעמישן פאַראיין

**ב ן  ח י י ם** (בוענאָס־איַירעס)

# די ייִדישע טרעגערס אין וואַרשע

## (זכרונות און עפּיזאָדן)

יעדן וואָס האָט געלעבט אין וואַרשע איז גוט באַקאַנט דאָס פאַרצווייגטע פאַך טרעגעריַי. אומעטום, אין אַלע לענדער, איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל מענטשן וואָס זענען באַשעפטיקט ווי טרעגערס אָבער אין פּוילן, און בפרט אין וואַרשע, האָט זיך דאָס טרעגערפאַך געפונען אין אַ ספּעציעלער לאַגע. די טראַנספּאָרט־מיטלען זענען געווען זייער נישט אַנטוויקלט, און בײַם אַריבערפירן קלענערע אָדער גרעסערע סחורה־משאות פון איין אָרט אויפן צווייטן אין דער זעלבער שטאָט גופא אָדער בײַם אַרײַנפירן אָדער אַרויספירן די סחורות פון די געשעפטן אויף די פורן און וואָגנס, זענען גענוצט געוואָרן אַלטע מעטאָדן. דערבײַ האָבן געאַרבעט די פאַרשידענע טיפּן טרעגערס וואָס האָבן אויף פאַרשידענע אופנים און פּרימיטיוו, אַריבערגעפירט סחורות פון איין אָרט אויפן צווייטן, געטראָגן די סחורות אויף די פּלייצעס, אונטער די אָרעמס, אין די הענט, געשטופּט אָדער געשלעפּט קליינע האַנטוועגעלעך אין וועלכע זיי זענען געווען אײַנגעשפּאַנט ווי פערד.

---

אין וואַרשע איז דאָס טרעגערפאַך זייער פאַרצווײַגט. עס זענען דערין געווען באַשעפטיקט אַ סך צענדליקער טויזנטער מענטשן, קריסטן און ייִדן. ייִדן נאָך מער ווי קריסטן, ווײַל דער האַנדל פון די געשעפטן זענען געלעגן אין דער גרעסטער מערהײַט אין ייִדישע הענט, במילא האָבן ייִדן געהאַט מער צוטריט צו דעם פאַך. פאַר די ייִדישע סוחרים איז געווען באַקוועמער און גלײַכער צו „האָבן צו טאָן מיט אַ ייִד אײדער מיט אַ גוי".

וואָס מער עס האָט זיך אַנטוויקלט דער ייִדישער מיסחר, אַלץ שטאַרקער איז פאַרצווייגט געוואָרן דאָס ייִדישע טרעגערפאַך.

ווי געזאָגט, זענען געווען פאַרשידענע אָפּצווייגונגען אינעם פאַך. געווען טרעגערס וואָס האָבן געאַרבעט בײַ די באַנסטאַציעס וווּ עס זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן די לאַסטוואַגאָנען. זיי האָבן אַראָפּגענומען די סחורות פון די וואַגאָנען און אַרויפגעלאָדן אויף די פורן און וואָגנס. די בעלי־בתים פון די פורן — אָדער פורמאַנעס ווי מען פלעגט זיי רופן אין וואַרשע — האָבן בלויז געפירט די סחורות אויף זייערע וואָגנס. אָבער דאָס אויפלאָדן און אַראָפּלאָדן האָט געהערט צו די טרעגערס. עס זענען געווען אַזעלכע טרעגערס וואָס האָבן אַראָפּגענומען די סחורות פון די פורן און אַרײַנגעטראָגן אין די געשעפטן. דאָס זענען געווען די אַזוי באַרימטע אין וואַרשע „פּלייצע־טרעגערס", וועלכע האָבן געאַרבעט בײַ די שווערע משאות, בײַ די שווערע קאַסטנס וואָס זענען געקומען פון פאַרשידענע שטעט פון פּוילן, ספּעציעל פון פּוילישן מאַנטשעסטער, לאָדזש. יעדער קאַסטן האָט געוואויגן אַ סך, אפילו ביז 25 פּוד. די אַרבעט פון די דאָזיקע טרעגערס איז באַשטאַנען אין אונטערשטעלן די פּלייצע בײַ דער פור, און דער קאַסטן איז דורך די פורמאַנעס אַרויפגעלייגט געוואָרן אויפן טרעגער וועלכער פלעגט דערמיט אַרײַנגיין אין געשעפט אַרײַן. אַנדערע טרעגערס האָבן געטראָגן קלענערע קעסטלעך, אויך אויף דער פּלייצע, פון איין געשעפט אין צווייטן אָדער פון איין געגנט אין דער צווייטער. דאָס זענען שוין געווען טרעגערס פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. עס זענען אויך געווען טרעגערס וואָס האָבן איבערגעפירט סחורות און אַנדערע קלענערע משאות פון איין אָרט אויפן צווייטן אויף ווײַטערע שטרעקעס אין דער שטאָט, אין געשטופּטע אָדער געשלעפּטע האַנטוועגעלעך אין וועלכע די מענטשן זענען געווען אײַנגעשפּאַנט ווי פערד. עס זענען אויך געווען האַנטוועגעלעך־טרעגערס וואָס האָבן געפירט שיטעוודיקע סחורות, ווי קוילן, האָלץ, קאַרטאָפל, פּרוכט און ענלעכע זאַכן. דאָס זענען געווען די אויך באַרימטע אין וואַרשע „קוילן־טרעגערס". אַ גאַנץ גרויסער שיכט טרעגערס האָט געאַרבעט אין די גרויסע שעכטהײַזער און אין די קלענערע שעכטהײַזער פון עופות. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר מיוחסים צו גלײַך מיט די פּלייצע־טרעגערס און די דאָזיקע צוויי צווײַגן האָבן געוואָלט הערשן איבער דעם גאַנצן טרעגערפאַך, צוליב וואָס עס זענען שטענדיק פאָרגעקומען רײַבונגען.

מערסטנס זענען אין די אַלע צווײַגן פון טרעגערפאַך געווען באַשעפטיקט ייִדן, אויסער אין געציילטע ערטער, ווי בײַ די באַנסטאַציעס און אין די גרויסע שעכטהײַזער, וווּ עס זענען געווען באַשעפטיקט קריסטן. די באַציִונגען צווישן די קריסטלעכע און ייִדישע טרעגערס, ספּעציעל פון די גרעסערע צווײַגן ווי די פּלייצע־טרעגער



אַ ייִדישער טרעגער אויף דער נאַלעווקעס. (פאָטאָ אַ. קאַציזנע)

און פון די שעכטהײַזער, איז געווען אַ גוטע, טראָץ דעם אַנטאַגאָניזם צווישן זיי צוליבן וועלן הערשן איבערן גאַנצן טרעגערפאַך. אָבער די דאָזיקע גוטע באַציִונג איז געווען נישט אַזוי צוליב פאַך סאָלידאַריטעט ווי צוליב די „ברייטע פּלייצעס" פון די פּלייצע־טרעגערס, וואָס דאָס האָט אַ סך געווירקט . . . אויף די „גוים", און בײַ פאַרשידענע פאַלן פלעגן זיי דאָס פילן אויף זייערע „גוישע" פּלייצעס . . .

די אַרבעטספּלעצער פון די טרעגערס זענען געווען אײַנגעטיילט אויף אַזאַ אופן: די שטאָט איז געווען צעטיילט אין סטאַציעס, יעדע סטאַציע האָט אַרײַנגענומען אין זיך אַ געוויסן שטח פון דער שטאָט מיט אַ צאָל גאַסן. טרעגערס פון אַ צווייטער סטאַציע האָבן נישט געטאָרט אויספירן די אַרבעט אין נישט־זייער סטאַציע. בײַ יעדער סטאַציע האָבן געאַרבעט אַ געוויסע צאָל טרעגערס. אין די סטאַציעס וואָס האָבן אַרײַנגענומען די גאַסן פונעם גרויסהאַנדל

מיט א סך געשעפטן, איז דער שטח געווען א קלענערער און די צאָל טרעגערס א גרעסערע, דערקעגן די סטאַציעס פון די גאַסן פון קליינהאַנדל, מיט א קלענערער צאָל געשעפטן, איז דער שטח פון דער סטאַציע געווען א גרעסערער און די צאָל טרעגערס א קלענערע. יעדע סטאַציע האָט פון זיך אויסגעטיילט איינעם פאַר א קאַסיר און אין אָוונט, נאָכן שליסן די געשעפטן, האָבן זיי צווישן זיך צעטיילט דאָס אַרײַנגעקומענע געלט פון טאָג ארבעט. דער פּרײַז פון דער ארבעט איז געווען לויט די צאָל קאַסטנס אָדער זעק און לויט דער וואָג פון יעדן קאַסטן. יעדן טאָג איז אַן אַנדערער פון דער סטאַציע ארומגעגאַנגען זײַן שטח און געהאַלטן וואך צו וועלכן געשעפט עס קומען אָן פורן מיט סחורות, די רעשט זענען געזעסן אין די שענקען אָדער רעסטאָראַנען און געוואַרט ביז דער איינער וועט זיי רופן צו דער ארבעט. די ארבעט איז געגאַנגען לויט דער ריי, א טייל האָבן געאַרבעט, די אַנדערע האָבן זיך צוגעקוקט, שפּעטער ווען עס זענען געקומען אַנדערע ארבעטן האָבן די אַנדערע געאַרבעט און די ערשטע האָבן זיך צוגעקוקט. אָבער אַלע זענען געווען אויפן ארבעטס־פּלאַץ. עס איז געווען כמעט אויף יעדער סטאַציע אַזעלכער וואָס איז נאָר באַנוצט געוואָרן צו דער ארבעט ווען עס זענען געקומען קאַסטנס פון גאָר גרויסע וואָג און וואָס נאָר ער אַליין האָט דאָס געקענט נעמען אויף זײַן פּלייצע. דערפאַר איז ער בײַ די אַנדערע ארבעטן געווען פרײַ, „מ'האָט אים געשאַנעוועט".

אין די אַנדערע צווײַגן פון טרעגערפאַך איז מער־ווייניקער אויך געווען דער זעלבער אײַנשטעל פון דער ארבעט.

די הויפּטסטאַציעס, ווו עס האָבן געאַרבעט די פּלייצע־טרעגערס האָבן זיך געפונען אין די גאַסן פון יידישן גרויסהאַנדל: אויף נאַלעווקעס ראָג גענשע, אויף נאַלעווקעס און פראַנציסקאַנער, נאַלעווקעס און נאָוואָליפּקי, נאַלעווקעס 2 בײַ סימאָנס־פּאַסאַזש, פראַנציסקאַנער און באָניפראַטן בײַ יאַראָשעווסקיס הויף, אויף פּלאַץ גזשיבאָוו און טוואַרדע, אויף קראָכמאַלנע, גזשיבאָווסקי און טוואַרדע, פאַרן אײַזערנעם טויער בײַ די „פּאָטשעיוּוו"־געוועלבער, בײַ די מיראָווסקער־האַלעס, אין יאַנאַשעס־הויף, אויף פּשעכאָדנע און פּטאַשע בײַ די הורטפּרוכט־סוחרים און אַנדערע.

---

דער מענטשן־מאַטעריאַל פון די טרעגערס איז באַשטאַנען פון אַן עלעמענט וואָס איז געקומען פונעם אָרעמען טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע. דאָס זענען געווען זין פון קליינהענדלערס, קליינע האַנטווערקערס, גאַסן־הענדלערס, וועלכע זענען דערצויגן געוואָרן אין אָרעמקייט, נישט דערעסן און נישט דערשלאָפן, אָן שום דערציִונג, קוים געגאַנגען געציילטע יאָרן, קינדערווײַז אין חדר אָדער אין די פילאַנטראָפּישע תלמוד־תורות, ווי אין דער באַרימטער תלמוד־תורה פון נײַע־מילע־גאַס 63, וועלכע איז געווען באַקאַנט אין וואַרשע דערמיט וואָס די גרעסטע עם־הארצים זענען ארויס פון דאָרט (די קינדער פון דער יידישער אָרעמקייט האָבן באַזוכט די דאָזיקע תלמוד־תורה ווײַל מען איז געווען פרײַ פון צאָלן שכר־לימוד). די דאָזיקע קינדער וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אויף דער גאַס איז זייער שווער געווען צו האַלטן בײַ אַן ארבעט; זיי האָבן זיך קיין פאַך נישט געלערנט און זענען דערפאַר געבליבן דעקלאַסירטע לומפּן־פּראָלעטאַריער, און זייער איינציקע באַשעפטיקונג האָט נאָר געקענט זײַן טרעגערײַ. דאָס שטענדיקע געפונען זיך, פון קינדווײַז אָן, אויף דער גאַס האָט געווירקט אַז זיי זאָלן זיך מישן מיט פאַרשידענע טיפּן אונטערוועלט־מענטשן פון דער יידישער גאַס אין וואַרשע. עס איז געווען א צונויפמיש פון גנבים, אַלפאָנסן, קאָמבינאַטאָרס, כוח־גייערס, פאַרשוינען מיט פאַרשידענע נישט־כשרע און אומלעגאַלע מסחרים און אַנדערע טיפּן „שטאַרקע", טאַקע פיזיש־שטאַרקע, און צווישן זיי זענען געווען די טרעגערס און ספּעציעל די פּלייצע־טרעגערס, מיט וועלכע אַלע אַנדערע האָבן, צוליב זייער פיזישן כוח, זיך געמוזט רעכענען און זיי געוואָלט האָבן אין זייער וועלט.

די יידישע פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע ארבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט אין דער צײַט פון רעוואָלוציאָנערן אויפברויז אין יאָר 1905, באַוויזן איר כוח, און וועלכע האָט אויך געהאַט צווישן אירע אויפגאַבעס דאָס באַזײַטיקן די אונטערוועלט פון דער אויבערפלאַך, האָט זיך אויך באַמיט צו געווינען דעם דאָזיקן דעקלאַסירטן טייל לומפּן־פּראָלעטאַריער, דעם טרעגער, פאַר דער ארבעטער־באַוועגונג. עס האָט א ביסל געווירקט אויף די טרעגערס דער געוווּנענער קאַמף פון די ארבעטער קעגן דער אונטערוועלט אין די יאָרן 1904—1905, ווען די אונטערוועלט איז פאַרשטופּט געוואָרן אין די מײַזלעכער נאָך די קלעפּ וואָס די ארבעטער האָבן זיי געגעבן. אָבער צוליב דער ארבעט־ספּעציפישקייט פון די טרעגערס, וואָס האָבן זיך געפונען שטענדיק אין גאַס, און אויך צוליב דער שפּעטערדיקער אומלעגאַלער סיטואַציע פון דער ארבעטער־באַוועגונג נאָכן 5טן יאָר, איז נישט אין גאַנצן געלונגען אַרײַנצוציען דעם טרעגער־עלעמענט אין דער ארבעטער־באַוועגונג.

דאָס איז אָבער געלונגען מיט א צײַט שפּעטער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די פּראָפעסיאָנעלע ארבעטער־באַוועגונג האָט אָנגענומען אַן אַנדערן כאַראַקטער; ווען עס האָבן זיך געעפנט לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און ווען אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, סײַ יידישע און סײַ קריסטלעכע, האָבן זיך באַמיט צו האָבן די השפּעה אויף די דאָזיקע נײַ־געשאַפענע לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דעמאָלט איז אויך געשאַפן געוואָרן דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון טרעגער־ארבעטער. עס איז אין א גרויסער טאָס געלונגען אַרײַנצוציען די טרעגערס אין דער ארבעטער־באַוועגונג און זיי ארויסרײַסן פון דעם איינפלוס פון דער „גאַס", פון דער „אונטערוועלט־גאַס", און זיי זענען מיט דער צײַט געוואָרן אַ געוויסע שטיצע פאַר דער ארבעטער־באַוועגונג.

עס איז אָבער אין גאַנצן נישט מעגלעך געווען צו מאַכן פון זיי באַוווּסטזיניקע ארבעטער. דער כאַראַקטער פון זייער ארבעט, דאָס נישט־געפינען זיך אויף א פּלאַץ ווי פאַבריק־ארבעטער, דאָס אויספירן זייער ארבעט אויף דער גאַס, האָט זיי שטענדיק געהאַלטן אין א געוויסער פאַרבינדונג מיט דעם גאַסן־עלעמענט וואָס האָט זיי באַווירקט. זיי האָבן זיך געפונען צווישן צוויי קעגנזעצלעכע ווירקכוחות; פון איין זײַט די ווירקונג פון דער אַזוי גרויסער, פאַר יענער צײַט, יידישער פּאָליטישער און פּראָפעסיאָנעלער ארבעטער־באַוועגונג, און פון דער צווייטער זײַט — די געוווינשאַפט פון קינדווײַז אָן צו דער גאַס און די השפּעה פון דעם גאַסן־עלעמענט, מיט וועלכן זיי זענען שטענדיק געקומען אין קאָנטאַקט, סײַ בײַ דער ארבעט און סײַ אין די שענקען און רעסטאָראַציעס.

עס איז געווען נאָך א סיבה און אפשר גאָר א שטאַרקערע וואָס האָט א סך געשטערט צו באַווירקן ווי געהעריק פאַר דער ארבעטער־באַוועגונג דעם פילצאָליקן טרעגער־עלעמענט. דאָס איז געווען דאָס אויסנוצן זיי דורך אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען סײַ אויף דער יידישער גאַס און סײַ אויף דער קריסטלעכער ווי א פיזישער כוח אינעם צווישנפּאַרטיייִשן קאַמף וואָס איז פאָרגעקומען אין דער צײַט צווישן בײדע וועלט־מלחמות. זיי זענען געהאַלטן געוואָרן ווי קעסטקינדער דורך די פּאַרטייען וועלכע ס'האָט זיך אײַנגעגעבן צו געווינען זיי. דאָס האָט אויך געבראַכט צו שפּאַלטונגען אינעם טרעגערפאַך גופא און אַרײַנגעפירט אַן אַנטאַגאָניזם צווישן די פאַרשידענע צווײַגן און קאַטעגאָריעס בײַ די טרעגערס גופא. אַנשטאָט צו זײַן געבונדן צווישן זיך ווי באַשעפטיקטע אין איין פאַך, זענען זיי זיך געוואָרן שונאים. איין צווײַג מיטן צווייטן האָט געפירט א קאַמף, און דאָס האָט גורם געווען אַז אויב די פּלייצע־טרעגערס זענען געווען באַווירקט פון איין פּאָליטישער פּאַרטיי, איז א צווייטער צווײַג, שוין צוליב דעם אַליין, אַוועק צו א צווייטער פּאַרטיי. קיין שום ארבעטער־פאַראיין האָט נישט אַזוי פיל איבערגעוואַנדערט פון איין פּאַרטיי אין דער צווייטער און צוריק, און דערנאָך ווידער אין דער אַנדערער און שפּעטער גאָר אין א דריטער, ווי די טרעגערס.

די פּלייצע־טרעגערס, למשל, האָבן אין דער צייט פון 1919 ביז 1939, אין פאַרלויף פון צוואַנציק יאָר, געוואַנדערט צו ערשט פון די קאָמוניסטן צו די פאַראייניקטע, שפּעטער צום בונד און אין 1929 אַריבער גאָר צו די רעכטע פּפּ"ס (פראַקעס), שפּעטער האָט דער פאַראיין זיך געשפּאָלטן אין דרײַ טיילן: בײַם בונד און בײַ די קאָמוניסטן. און ווען, למשל, איין צווײַג איז געווען בײַ איין פּאַרטיי, האָט דער אַנדערער צו להכעיס זיך אָנגעשלאָסן אין אַן אַנדערער. ווען די באַרימטע פּלייצע־טרעגערס האָבן געהערט צום בונד האָבן די אַנדערע, די אַזוי גערופענע „קוילן־טרעגערס" געהערט צו די קאָמוניסטן. דאָס האָט געבראַכט דערצו אַז די טרעגערס האָבן זיך געפילט ווי מיוחסים, זיי האָבן געפילט זייער כוח, אַז די פּאַרטייען

ניימיקן זיך אין זיי און נוצן אויס זייער פיזישע שטאַרקייט אינעם פּאַרטייִישן קאַמף. דער פּועל־יוצא איז געווען, אין אַ געוויסער מאָס, אַז נישט זיי זענען באַווירקט געוואָרן פון דער פּאַרטייִישער און פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, נאָר זיי האָבן גאָר געלייגט אַ געוויסן חותם אויף דער פּאַרטייִשער אַרבעט, ספּעציעל אויף די „באָיוּוו־קעס", וועלכע האָבן אין אַ סך פאַלן געבראַכט צו נישט קיין שיינע מעשים פאַר די פּאַרטייען בפרט און פאַר דער באַוועגונג בכלל.

---

אין וואָס איז באַשטאַנען זייער כוח? מחמת זיי זענען דער־צויגן געוואָרן אויף דער גאַס, אויסגעמישט צווישן די פאַרשידענע טיפּן גאַס־מענטשן און אונטערוועלט־לײַט אין ווארשע, האָבן זיי פאַרמאָגט אין זיך אַ גרויסע מאָס הפקרות. זייער אַמביציע איז גע־ווען אַז אַלע זאָלן זען און פילן זייער גבורה און פאַר זיי מורא האָבן, אַז אַלע אַנדערע פון זעלבן שיכט זאָלן זיי דינען און מיט־העלפן אין זייערע אַמביציעס. אַזוי אַרום האָבן זיך צווישן זיי גופא געשאַפן גרופּעס, מיט אַ פון זיך געקרוינטן קעניג, לויט דער גבורה וואָס דער אָדער יענער האָט געהאַט אָדער לויט דער הפקרות און דרייסטקייט אין געשלעגן וואָס איינער אָדער אַ צווייטער האָט באַ־זיצט. די גרופּעס האָבן שטענדיק צווישן זיך געפירט אַ קאַמף פאַר אַנטשעדיקונג. אַ סך מאָל איז דערגאַנגען צווישן צוויי גרופּעס צו



די פאַרוואַלטונג פון טרעגער־פאַריין.

אַ פאַרשטענדיקונג וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ דין־תורה און מיט שנאַפּס און געבראָטענע געגנדזלעך אין די שענקען און רעסטאָ־ראַציעס, אָבער אין אַנדערע פאַלן איז געקומען צו גאַסן־געשלעגן, נאָך וועלכע אַ צאָל אָנטיילנעמערס איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין די שפּיטעלער און די אַנדערע וואָס זענען אַרויס גאַנץ, האָבן פאַר־ענדיקט דעם ענין אין די שענקען מיט אַ כוסה און אַ פּרעס.

די „ספּאָרן" זענען געווען פאַרשידנאַרטיקע: צוליבן וועלן זײַן די שטאַרקסטע גרופּע און אַלע אַנדערע זאָלן פאַר זיי מורא האָבן, צוליב אַ בעסערער סטאַציע, ווען אַ טייל האָט זיך אויסגעראַכט אַז אויף דער אָדער יענער סטאַציע פאַרדינט מען מער, צוליב אַ כלה וואָס איינער פון איין גרופּע האָט צוגענומען בײַ אַ צווייטן פון אַ צווייטער גרופּע און די גאַנצע גרופּע איז אַרויס אין קאַמף כדי צו פאַרטיידיקן דעם באַעוולטן; און צו לעצט — אונטער דער ווירקונג פון פאַרשידענע פּאַרטייען וואָס האָבן זיי אויסגענוצט אינעם צווי־שנפּאַרטייִישן קאַמף, אינעם מיטהעלפן באַקומען די השפּעה אויף איינעם אָדער אַ צווייטן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

עס זענען כאַראַקטעריסטיש איניקע עפּיזאָדן כדי צו באַווײַזן דעם פיזישן כוח פון די טרעגערס און זייער מאַכט וואָס האָט גע־הערשט אויף דער גאַס.

בעת אַ כוליגאַנישן אָנפאַל אויף ייִדן פון דער אַנטיסעמיטי־שער „נאָרא"־יוגנט אין דעם „דעמאָקראַטישן" פּילסודסקי־פּוילן, אין די גאַסן אַרום דעם „אײַזערנעם־טויער", טוואַרדע, גזשיבאָוו־סקע, זשאַביע און גראַניטשנע, האָבן די פלייצע־טרעגערס פון יענער געגנט אויפגענומען די כוליגאַנעס מיט אַזאַ „ברוך־הבא" אַז אַ טייל נאָרא־העלדן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין די שפּיטעלער און די אַנדערע האָבן שוין פאַרזאָגט אַ צענטן נישט צו קומען נאָך אַ מאָל אין די ייִדישע גאַסן און זיך טשעפּען צו ייִדן. מיט דעם האָבן די פלייצע־טרעגערס באַוויזן זייער פיזישן כוח אינעם קאַמף קעגן אַנ־טיסעמיטיזם אין ווארשע.

אינעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף מיט זייערע ברויטגעבערס איז אינטערעסאַנט דער ווײַטערדיקער עפּיזאָד. אין יאָר 1928 זענען זיי געווען אָרגאַניזירט אין פאַראיין אויף שטשענשליווע 9. (אויף דעם בילד איז פאָטאָגראַפירט די פאַרוואַלטונג פון פאַראיין מיטן פּרעזי־דענט אויבן אָן; דערנעבן זיצט דער פאָרשטייער פון דעם צענט־ראַלן טראַנספּאָרט־פאַראיין, יוסף ליפּשיץ (באָסאַק). אין יענער צײַט זענען אַלע אָפּטיילונגען פון די טרעגער־פאַראיינען געווען אָנ־געשלאָסן אין דעם אַלגעמיינעם צענטראַלן פּוילישן טראַנספּאָרט־פאַראיין, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע טראַנספּאָרט־אַרבעטער פון לאַנד, פון די באַן־אַרבעטער ביז וועגעלע־פירערס. (די צענטראַלע האָט געהאַט איר זיצאָרט אין ווארשע אין אַן איינגענעם פּילשטאַקיסן הויז אויף סאַלעין). לעבן דעם פאָרשטייער פון דער צענטראַלע זעט מען דעם באַרימטן שעיה־ייִדל זילבערשטיין און אויך דעם סעקרע־טאַר פון דער ווארשעווער אָפּטיילונג פון די פלייצע־טרעגער.

שעיה־ייִדל איז געווען אַ שם־דבר אין יענער צײַט: ער איז געווען בײַ די טרעגער דער „קייסער". ער איז געווען אַ מענטש אַ רויִקער, אַ געמיטלעכער, מיט אַ שטענדיק שמייכלענדיק פּנים און עס איז שווער געווען צו גלייבן אַז דער דאָזיקער מענטש זאָל קענען אויפהייבן אַ האַנט אויף וועמען. שטעלט זיך די פראַגע: פאַר וואָס האָט ער דאָס באַקומען דעם טיטל „קייסער" בײַ די טרעגערס?

עס איז געשען אַ פאַל: עס איז פאָרגעקומען אַ שטרײַק פון די טרעגער אויף דער סטאַציע מאָוואָראַנעוו, ווו עס פלעגן אָנקומען די לאַסטוואַגאָנען פון דער הויפּט־באַנליניע. דער שטרײַק איז געווען קעגן די מאַנופאַקטור־סוחרים פון גענשע־גאַס, וואָס צו זיי האָט געהערט דאָס אָפּלאָדן די סחורות פון די וואַגאָנעס אויף די פורן. די סוחרים האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם צווייענדיקן באַצאָלן פאַרן אָפּלאָדן פון די וואַגאָנעס אויף די פורן און שפּעטער פון די פורן אין זייערע געשעפטן אַרײַן, און זיי האָבן באַווירקט אַ טייל פורמאַ־נעס וועלכע האָבן געפירט די סחורה פון דער באַן צו די געשעפטן, אַז זיי זאָלן אַראָפּנעמען די סחורה פון די וואַגאָנעס און פירן עס גלײַך אין די געשעפטן. די טרעגערס פון דער דאָזיקער סטאַציע האָבן עס געמאָלדן אין פאַראיין. עס איז באַלד געגעבן געוואָרן צו וויסן די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, און זיי האָבן באַשטימט אַז שעיה־ייִדל גופא צוזאַמען מיטן סעקרעטאַר פון פאַראיין, זאָלן אינ־טערווענירן אין דעם ענין. ווען שעיה־ייִדל איז געקומען אויפן באַנ־וועג, ווו עס שטייען די וואַגאָנעס מיט סחורה, האָבן די פורמאַנעס און זייערע משרתים שוין געהאַלטן אין אָפּלאָדן איין וואַגאָן, כמעט אַ האַלבער וואַגאָן מיט סחורה איז שוין געווען פאַרטיק. שעיה־ייִדל

האָט אינטערוועניִרט בײַ די נישט־ייִדישע פורמאַנעס, דערקלערנדיק זיי אַז די אַרבעט געהערט צו די טרעגערס פון דער דאָזיקער סטאַציע. די נישט־ייִדישע פורמאַנעס, וואָס האָבן גוט געקענט... שעיה־ייִדלען, האָבן אים געבעטן (און אים טאַקע גערופן אויף ייִדיש „שעיה־ייִדל"), אַז ער זאָל זיי דערלויבן בלויז צו ענדיקן דעם אָפּענעם וואַגאָן. שעיה־ייִדל מיטן שמייכלענדיקן פנים, האָט זיי אָבער געענטפערט גאַנץ רויִק אַז די אַראָפּגענומענע סחורה מוז דורך זיי צוריק אַרײַנגעלייגט ווערן אין וואַגאָן און דער וואַגאָן דאַרף צוריק פאַרחתמעט ווערן. עס האָבן נישט געהאָלפן די טענות פון די פורמאַנעס; שעיה־ייִדל האָט נאָך אַ מאָל געפרעגט צו זיי מיינען אַז די טרעגערס וועלן זיך לאָזן אַזוי לײַכט צונעמען זייער אַרבעט. נאָך שעיה־ייִדלס לעצטע קשיה, האָבן די פורמאַנעס און משרתים אויפגעלאָדן די סחורה צוריק אין וואַגאָן און גערופן אַ באַן־אָנגעשטעלטן, וועלכער האָט נאָך גרויסע שוועריקייטן דעם וואַגאָן צוריק פאַרחתמעט. דער באַגלייטער פון שעיה־ייִדלען, דער סעקרעטאַר פון פאַראיין, האָט זיך דעמאָלט איבערצײַגט אַז שעיה־ייִדל איז טאַקע „קייסער". אָבער עס איז אים נאָך אַלץ געווען האַרב די קשיה ווו איז דער כוח וואָס האָט באַוויגן די נישט־ייִדישע פורמאַנעס און זייערע משרתים אויסצופאָלגן שעיה־ייִדלס פאַראָרדענונגען. אויך די סוחרים פון גענשע־גאַס האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער עצה ווי אויספאָלגן שעיה־ייִדלס באַפעלן און באַצאָלן די טרעגערס פון יענער סטאַציע...

אָבער אויב עס זענען אויסגעמיטן געוואָרן געשלעגן בײַ די פראָפ' קאַמפן און שטרײַקן — פשוט דערפאַר ווײַל דער פאַראיין האָט שוין איבער זיי געהאַט די ווירקונג און האָט נישט דערלאָזט עס זאָל דערגיין צו טעראָר־מיטלען אינעם פראָפ' קאַמף — און עס האָט שוין מער געווירקט די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַראיינס־אַרבעט סײַ אויף די טרעגערס און סײַ אויף זייערע ברויטגעבערס וואָס האָבן זיך שטענדיק דערמאָנט דעם טרעגערישן כוח, איז אָבער זייער שווער געווען פאַר די פאַריין־אָנפירערס אָפּצוהאַלטן דעם קאַמף און אויסמײַדן געשלעגן ווען עס זענען פאָרגעקומען רײַבונגען צווישן זיי אַליין אָדער צווישן די פאַרשידענע גרופּעס צווישן זיי. אַזאַ סיכסוך איז פאָרגעקומען צווישן אַ גרופּע פלייצע־טרעגערס מיט אַן אַנדער גרופּע עופות־טרעגערס, וואָס האָבן געהערט צום זעלבן פאַראיין אויף שטשענשליווע 9.

עס איז געשען אַ פאַל, עס איז געשטאָרבן אַ טרעגער און אַלע טרעגערס זענען געקומען צו דער לוויה אויף סאַפּיעזשינסקע־גאַס. ביז די עגלה איז געקומען האָבן דערווײַל די צוויי גרופּעס זיך דורכגעווערטלט, פילנדיק זיך שטאַרק ווייל זיי זענען אַלע געווען אויפן פלאַץ. עס איז דערגאַנגען צו אַ געשלעג, טראָץ דער אינטערווענץ פון די פאַראיין־פאָרשטייערס.

שעיה־ייִדל איז זיך געזעסן אין אַ קאַוויאַרניע אין אַ זײַטיק געסל אויף באָניפראַטן, וואַרטנדיק אויף דער עגלה. מ'האָט אים צו וויסן געגעבן וועגן דעם געשלעג. דעמאָלט האָבן זיך די פאַריין־פאָרשטייערס געקענט איבערצײַגן פאַר וואָס שעיה־ייִדל איז קייסער. עס איז אַרויסגעלאָפן פון קאַוויאַרניע אַ טיגער אין געשטאַלט פון אַ מענטש, האָט גענומען שלאָגן אויף רעכטס און לינקס מיט די פויסטן, מיט די פיס, מיטן קאָפּ און מיטן גאַנצן קערפער. ער האָט געהאַלטן אײַנגעוויקלט אין זײַן קערפער אַ דרײַ־פיר קעגנערס, אויך נישט קיין מפיל־קינדער, וואָס האָבן זיך נישט געקענט אַרויסוויקלען פון אים. ער האָט זיי כסדר געשלאָגן; עס איז נישט געווען דער כוח וואָס זאָל זיי קענען אַרויסרײַסן פון זײַנע הענט. געהאָלפן האָט, וואָס עס איז אָנגעקומען די עגלה. דעמאָלט האָט שעיה־ייִדל אַרויסגעלאָזט פון זיך זײַנע קעגנער און אַלע זענען מיטגעגאַנגען מיט דער לוויה שטיל און רויִק, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען געציילטע מינוטן פריִער. אַ טייל פון זיי, נאָכגייענדיק נאָך דער עגלה, האָבן זיך אָרומגעווישט דאָס פנים פון בלוט. שעיה־ייִדל האָט צוריק באַקומען זײַן מענטשלעך שמייכלענדיק געזיכט... ווען די עגלה איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ קליינעם שטח, האָט זיך באַוויזן אַ גרויסע מחנה פאָליציי, וואָס האָבן באַגלייט דעם טויטן אויפן גאַנצן וועג, פריער האָט מען נישט געזען קיין איינעם פון זיי... (די וואַרשעווער פאָליציי, פלעגט זיך פירן, אַז זי איז שטענדיק געקומען נאָכן געשלעג צווישן טרעגערס...) מסתמא איז נאָך דער לוויה דער ענין פאַרענדיקט געוואָרן אין שענק ווייל נאָך דעם איז געווען צווישן די צוויי גרופּעס שלום ושלווה. בײַ דעם דאָזיקן פאַל האָבן זיך די פאַראיין־פאָרשטייערס איבערצײַגט וואָס

אַזוינס איז דער מענטשן מיטן שמייכלענדיקן פנים און פאַר וואָס „גויִישע" פורמאַנעס האָבן פאַר אים מורא.

נאָך אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד איז פאָרגעקומען אינעם זעלבן יאָר אויפן באָדן פון צווישנפאַרטייִשן קאַמף.

די רעכטע פפ"ס (פראַקעס) זענען פאַר יענער צײַט געווען אַ גרויסער כוח אויף דער קריסטלעכער אַרבעטער־גאַס און זיי האָבן אויך געהאַט אַ השפעה אויף די פליישטרעגערס, די באַנטרעגערס, די פורמאַנעס און אַנדערע. זיי זענען נישט געווען צופרידן פון דעם שטאַרקן כוח פון די פלייצע־טרעגערס אין דער ייִדישער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און האָבן געזוכט מיטלען אַרויסצונעמען די פלייצע־טרעגערס פון דער בונדישער השפעה. עס איז זיי דאָס נישט שווער אָנגעקומען, ווײַל שטענדיק האָבן זיך געפונען צווישן פלייצע־טרעגערס קאַנדידאַטן אויף „קייסער", אויף שעיה־ייִדלס אָרט, מחמת זיי האָבן געהאַלטן אַז זייער כוח איז אויך נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. און עס האָט זיך אַרויסגערוקט אַזאַ „פערזענלעכקייט", מיטן נאָמען איטשע „זבוך" (אויפן בילד דער צווייטער רעכטס אויבן אָן) וועלכער האָט געהיימערהייט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די פראַקעס וועגן איבערגעבן זיי דעם גאַנצן פאַראיין. עס איז אים געלונגען צו באַווירקן אַ געוויסן טייל, וואָס האָבן זיך מתקנא געווען מיט שעיה־ייִדלס „קייסערשאַפט", און דער קאַמף איז געוואָרן אַן אָפענער. אין איינעם אַ טאָג איז פאָרגעקומען אַ מאָביליזאַציע פון ביידע כוחות: פון איין זײַט די פראַקעס אונטער דער פירונג פון זייער „באָיוווקע" מיט דעם באַרימטן פירער לאָקעטעק אין דער שפּיץ און מיט אַלע קריסטלעכע טרעגער־פאַראיינען, צו הילף „איטשע זבוכס" גרופּן; פון דער צווייטער זײַט די בונדישע „באָיוווקע" מיט זייער באַרימטן פירער „בערנאַרד" אין דער שפּיץ און מיט שעיה־ייִדלען בראש פון די קאַטעגאָריעס טרעגערס וואָס האָבן זיך גרופירט בײַם „בונד". די מאָביליזאַציע איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן הויף אויף פּטאַשע־גאַס צווישן די גרויסע פורן מיט פּראָכטקעסטלעך. דאָ איז געווען די בונדישע פעסטונג. דער אַנדערער כוח האָט זיך געפונען אויך אין אַ גרויסן הויף אויף אַ שכנותדיקער גאַס. איין גרופּע האָט געוואַרט די צווייטע זאָל אָנגרייפן.

עס האָבן זיך אָבער אָפּגעגעבן חשבון די אָנפירערס פון די צוויי גרופּעס אַז עס טאָר נישט דערלאָזט ווערן צו אַ געשלעג, ווײַל ס'וואָלט דערגאַנגען צו אַן אמתער און שרעקלעכער בלוטבאָד. ס'זענען פאָרגעקומען אונטערהאַנדלונגען צווישן די פירערס פון די „באָיוווקעס" אויף די מאָביליזאַציע־פּלעצער, עס האָבן אינטערווענירט פאַרטיי־אָנפירערס וועלכע האָבן געצוימט די „באָיוווקע־פירערס" וואָס האָבן זיך געוואָלט פאַרמעסטן מיט די כוחות. דער ענין האָט זיך פאַרענדיקט אָן אַ מלחמה... איטשע „זבוך" איז מיט זײַן גרופּע אַריבער צו די פראַקעס און צו ביסלעך איבערגענומען דעם גאַנצן פאַראיין, אָבער שעיה־ייִדל מיט אַ קליינער גרופּע, אָן אַן אַרמיי, איז געבליבן בײַם בונד. אויף אַזעלכע אופנים האָבן די טרעגערס אין וואַרשע, און ספּעציעל די פלייצע־טרעגערס באַוויזן זייער כוח, אויף זייער שטייגער, אינעם אַלגעמיינעם ייִדישן לעבן אין וואַרשע.

---

עס איז שווער צו גלייבן אַז די טרעגערס אין וואַרשע און ספּעציעל די פלייצע־טרעגערס זאָלן גאָרנישט האָבן באַוויזן זייער כוח אויך אין דער וואַרשעווער געטאָ און אינעם אויפשטאַנד. אָבער וויפל דער שרײַבער פון די שורות האָט נישט געזוכט און געבלעטערט אין אַלע געטאָ־מאַטעריאַלן איז אים נישט געלונגען ביז איצט צו געפינען עפּעס וואָס זאָל אָנווײַזן אויפן אָנטייל פון די טרעגערס אין קאַמף קעגן די נאַציס, סײַ פאַרן אויפשטאַנד און סײַ בעתן אויפשטאַנד, אויסער אַ גאַנץ קליינער ידיעה בײַ ב. מאַרק, אין זײַן בוך „חורבות דערציילן" וועגן אַ קליינער „ווילדער" גרופּע (וואָס האָט נישט געהערט צו דער אַלגעמיינער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע) פון טרעגערס וואָס האָבן אָנטייל גענומען אינעם קאַמף בעתן אויפשטאַנד.

האָבן זיך אויך די טרעגער־אַרבעטער געלאָזט פאַרפירן פון די נאַצישע ליגנס וועגן שיקן אויף „אַרבעט" און אַזוי אַרום זענען זיי אומגעקומען צוזאַמען מיט די 6 מיליאָן ייִדן?

ביז הײַנט זענען נאָך נישט דערגאַנגען צו אונדז די מאַטעריאַלן וואָס זאָלן קענען עפּעס זאָגן וועגן דער ראָל פון די טרעגערס אין דער וואַרשעווער געטאָ.

מאַטעס נאַבעל (בועני־אייַרעס)

# פּראָלעטאַרישע יוגנט

## (זכרונות)

עס איז געלאָפן דאָס יאָר 1919. די מלחמה איז געווען פאַרענדיקט. עס איז אויפגעקומען אַ זעלבשטענדיק פּוילן. אַ סך וואַרשעווער פאַמיליעס, וואָס האָבן צוליב דער מלחמה זיך ארויסגעצויגן אין די אַרומיקע שטעטלעך, האָבן זיך אומגעקערט קיין וואַרשע. דער טאַטע קומט איין מאָל אַהיים מיט אַ בשורה: ער האָט גערעדט מיט זײַנעם אַ באַקאַנטן פון וואָלינסקי 17, אַ שנײַדער פון מענערמאַגאַזין. ער וועט מיך צונעמען אויף דער לער.

מיר וווינען אויף קאַרמעליצקע 4, און ביז וואָלינסקי 17 איז אַ טראָט פון דער היים.

אין אַ זונטיק אין דער פרי פירט מיך דער טאַטע אַוועק צום שנײַדער, אויפן ערשטן שטאָק. די טיר עפנט אַ דינסט. די גאַנצע וווינונג באַשטייט פון אַ קיך און 2 צימערן, אַ קליין פירהויז (פּשעדפּאָקוי) אַ גרויסן צימער, וואָס איז דעם מײַסטערס עס־און שלאָף־זאַל. אין דעם לעצטן צימער איז דער ווערקשטאַט. דאָ אַרבעטן 3 געזעלן און אויך דער מײַסטער. מיך זעצט מען אַוועק אין אַ ווינקעלע. אַ נײַע וועלט הייבט זיך אָן פאַר מיר צו שפּינען. יעדערער איז פאַרנומען מיט זײַן אַרבעט. דאָך שענקט מיר יעדער אַ פּאָר ווערטער, ווי צו באַגריסן דעם נײַעם לערניונג. צו די 8 טעג האָט מיך אַן אַרבעטער מיטגענומען אין פאַראיין פון נאָדל־אַרבעטער אויף רימאַרסקע 2—4 מיך צוגעפירט צו 2 יוגנטלעכע, זיי זאָלן מיך פאַרשרײַבן אין דער יוגנט־סעקציע.

דער נאָדל־פאַראיין אויף רימאַרסקע 2—4 איז ווי אַ צעזשומעטער בינשטאָק: גרויסע סאַלאָנען אויפן ערשטן שטאָק, הויכע פענצטער, לאַנגע בענק. עס איז אָנגערויכערט, אָנגעפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ. ווי אַ צימער, ווו אַ ווינקל קומען פאַר פאַך־פאַרזאַמלונגען. בלויז בײַם אַרויפקומען אויף די טרעפּ, רעכטס, אָפּגעטיילט מיט הילצערנע באַריערן, זיצן די טעכנישע סעקרעטאַרן און פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. אַ גאַנצע מלוכה. מען רופט פאַך־קאָמיסיעס, דעלעגאַטן פון ווערקשטאַטן. און דער עולם דיסקוטירט, זשעסטיקולירט מיט היץ, מיט ברען. מען איז צעוואָרפן אין גרופּעס, גרעסערע און קלענערע, בײַ די פענצטער, אויף די טרעפּ, אויפן הויף, אויפן גאַס. מען רעדט וועגן די פאַרשידנסטע טעמעס: וועגן אַבעטספּלעצער, לוינען, שיקאַנעס מצד די בעלי־בתים, טיילווײַזע שטרײַקן. צו די קינדערשע 13יעריקע אויערן דערגייען אָפּגעריסענע פראַזעס, וואָס שפּעטער באַמיט מען זיך צווישן די אַרבעטער אין די ווערקשטאַטן און אין גאַס קלאָר צו מאַכן.

איך הער ווערטער:

די זיגרײַכע רוסישע רעוואָלוציע, לענין, רויטע אַרמיי, מאַטראָסן פון קראָנשטאַט, צאַר, קערענסקי, די פּאָליטישע פון סיביר, ראַט פון אַרבעטער און פּויערים, 2טער אינטערנאַציאָנאַל, 3טער אינטערנאַציאָנאַל. דאָס זענען געווען די פּאָליטישע דיסקוסיעס. די פּראָפעסיאָנעלע דיסקוסיעס האָבן זיך געדרייט אַרום די פאַרשידענע פאַך־קאָמיסיעס: וועגן געוויסע מיטגלידער וואָס האָבן נישט געהאַט גענוג קלוג דערליידיקט אַ קאָנפליקט צווישן אַרבעטער און בעל־הבית. און פאַך־קאָמיסיעס זענען געווען גאַנץ גענוג: מענער־מאַגאַזין, מענער־פּריוואַט, דאַמען־מאַגאַזין (אָדער אָקריטשע, ווי מען האָט עס גערופן), דאַמען־פּריוואַט, קירזשנער, היטל־מאַכער, מאָדיסטקעס, ווײַסע וועש, מיליטער־אַרבעט, הוטן־פּוצער, אאַ"וו. דאָס זענען געווען די הויפּטצווײַגן. עס איז די צײַט פון דעם אויפשוווּנג פון דער פּראָפעסיאָנעלער אַרב'־באַוועגונג, וואָס צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון פּוילן איז זי אַרויס אויף דער לעגאַליטעט. און ווי אַ וואַסער וואַרפט איין אַ דאַמבע און פליִצט אַריבער אַלע ברעגעס, אַזוי קאָכט און זידט פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן.

אין פאַראיין קומען צום אויסדרוק אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס אין שטוב פלעגט מען אַ מאָל רעדן וועגן זיי שטילערהייט. עס שיקן די פּאַרטייען אַהער זייערע בעסטע אַגיטאַטאָרן, די בעסטע רעדנער. און אַז מען ווערט מיד, און צו זיצן איז נישטאָ ווו, איז אַנטקעגן דאָ אַ פּלאַץ וואָס טיילט אָפּ רימאַרסקע פון טעאַטאָרסקע. אויפן פּלאַץ איז דאָ אַ פאָנטאַן אין דער פאָרם פון אַ באַליִע, אָנגעפילט מיט וואַסער, וואָס אויף זײַן צעמענטענעם ברעג זיצן אַרום צענדליקער מענטשן. איז אָט די באַליִע דאָס באַליבטסטע אָרט פאַר דער יוגנט. דאָ באַקענט מען זיך. מען ציט אַרײַן אין אַ קרײַזל; עס איז אַלץ עפּעס אַזוי אַנדערש, אַזוי נײַ. איינער שטעלט פאָר דעם צווייטן: דאָס איז חבר בערעק, זײַט באַקאַנט! דאַרף מען געבן די האַנט, זיך אַ ביסעלע אײַנבייגן און זאָגן דעם נאָמען. אַ וואַרעמער ציטער לויפט דורך איבערן לײַב. און עס רעדט זיך עפּעס אַזוי לײַכט, ווי מען וואָלט זיך שוין געקענט לאַנג־לאַנג.

און אָט זענען זיי: אַדעק ליכטנשטיין פון די היטל־מאַכערס, אַ בלייך ייִנגל אין ברילן מיט ווײַסע מעטאַלענע ראָמעלעך; פּראַימל פּינקערט, אַ קליינוווּקסיקער געפּאַקטער יאַט מיט אַ שאַרפזיניק קעפּל; יולעק (יואל לאַזעבניק) פון אָקריטשע — שפּעטער ווער איך געוווּיר אַז ער וווינט מיט מיר אין זעלבן הויף, אין טויער אויפן ערשטן שטאָק; הערשל גאָלדפינגער, אַנקע קאַדער, סאַראַ עפּעלבוים, עדזשע פּשעטיצקי — נייטאָרינס פון ווײַסע וועש, און צענדליקער, צענדליקער יוגנטלעכע. מיט צעשטראַלטע בלויע אָדער ברוינע אויגן ציִען זיי אַהער פון די קעלערס און בוידעמשטיבלעך, פון די גרויסע וואַרשעווער הייף מיטן גרויסן דלות, און דאָ כאַפּן אויף זייערע יונגע ווערזנס נײַע באַגריפן: דער מענטש קען אויסשמידן אַ נײַע וועלט, אַ גליקלעכע וועלט פאַר אַלעמען, אָן נויט, אָן אָרעמקייט; און עס האָבן אַ ממשות די אידעען וואָס אַנדערע האָבן געטרוימט און זענען געגאַנגען אויף סיביר, — אָדער אויף דער תליה — די אידעען האָבן דאָך געזיגט אויף אַ זעקסטל פון דער ערד.

מיר צעקײַען נאָך נישט אין גאַנצן די תורה, אָבער עס לאָקט אונדז דאָס אָנגעהערן צו אַ מחנה וואָס שאַפט אַ נײַע וועלט. דאָס אַלץ ווערט געשריבן אין די ביכער. אַנדערע לייענען טאַקע, קומען מיט אַ ביכל אונטערן אָרעם. מען נעמט עס אין דער האַנט, מען לייענט איבער דאָס שער־בלאַט, און עס הייבט זיך אָן אַ שמועס וועגן בוך, וועגן אויטאָר. אַלץ אַזוי נײַ. און דאָס יונגע האַרץ ציט ווי די פלאַנץ צו דער זון. איז מען מקנא די וואָס לייענען און ווייסן צו רעדן וועגן ליטעראַטור, ייִדישער און נישט־ייִדישער.

אויף שבת ווערט גערופן אַ קרײַזל, טאַקע אין פאַראיין. מיט געדרייטע שטיגן קומט מען אַרויף אין אַ „פּאַצעיאַטקע". עס זעצן זיך אַרום אַ טישל אַזעלכע 20 אָדער 25 יוגנטלעכע. עס איז דאָ אַ רעפערענט, בערנהאָלץ הייסט ער. מען רעדט וועגן אַ ביכעלע פון

ש. דיקשטיין וואס הייסט „פון וואס איינער לעבט”. עס וויקלט זיך אויס א דיסקוסיע, און איינער שטעלט א פראגע דעם רעפערענט: איז אמת אז עס איז נישטא קיין גאט אויף דער וועלט? א קעלט לויפט מיר אדורך איבערן לייב, ס׳ווערט מיר ענג אין האלדז, כ׳בין זיכער אז באלד וועט זיך דערהערן א דונער און דאס גאנצע הויז וועט איינגעזונקען ווערן. איך הארך זיך איין א מינוט 3־5, דער רעפערענט ענטפערט עפעס, עס פאסירט גארנישט. מען רעדט שוין וועגן א צווייטער טעמע. עס פאלן נאך אנדערע פראגעס, און עס קומען ענטפערס. מען לאכט. ערשט ווען מיר זענען אראפ אין גאס האב איך אפגעעטעמט פריי און טיף.

עס איז פארן ערשטן מיי. אין ווערקשטאט רעדן די ארבעטער וועגן דער רויטער פאן, אין פאראיין גרייט זיך די יוגנט־סעקציע ארויסצופירן די יוגנט צוזאמען מיט די דערוואקסענע. דאס קליינע בראשורקעלע „פון וואס איינער לעבט” האב איך ווי עס איז, אויף מיין שטייגער, צעקייט. עס זענען מיר צוגעקומען אזוי פיל נייע באגריפן: קלאסנקאמף, מערווערט, נאכפראגע, אנבאט, און אזוי פיל נייע נעמען, קעמפערס פארן סאציאליזם.

דער טאטע קען מיך מער נישט צווינגען כ׳זאל גיין מיט אים אין שיל דאווענען. צוליב דעם אנטשטייען אין שטוב אמפערנישן. די מאמע, דאס הארציקע און צארטע וועזן, פארשטעלט און פארגלעט אלץ.

אין ווערקשטאט זינגט מען די לידער לכבוד דעם 1טן מיי: טשערוואני שטאנדאר, נא באריקאדי, דער אינטערנאציאנאל, די שבועה, די מארסעליעזע, לידער פון עדעלשטאט, פון באוושאווער.

און אט איז דער 1טער מיי. עס איז א זוויבערער מילדער הימל, די פענצטער זענען צעפראלטע, די שטאט שמעקט מיט יום־טובדיקער ערנסט. עס איז א ניי־דערוואַרבענער יום־טוב, וואס געהערט די ארבעטער. ער איז אנדערש פון אלע פריערדיקע, שיינע, טראדיציאנעלע ימים־טובים. דערפאר איז אזוי אנדערש דער טראט, געשטרעקטער די פלייצע, דרייסטער דער בליק. מיר מארשירן צום טעאטער־פלאץ. רויטע פענער, טראנספארענטן, עמעצער ווארפט לאזונגען און די מאסע כאפט אונטער „ניעך זשיע”. און לידער — איינס באגייסטערטער פון צווייטן. ווי ריכטיק קלינגט דאס ליד וואס זאגט „ווען דיין שטארקער ארעם וויל, בלייבן אלע רעדער שטיל”.

אויפן טעאטער־פלאץ א ים פון מענטשן און פענער. דער גרעסטער שטאלץ זענען די פוילישע ארבעטער. מען זאגט, זיי קומען פון די גרויסע מעטאל־פאבריקן. אט זענען טראמוויי־אזשעס און באנארבעטער. יידישע ארבעטער־קאלומנעס האבן קליינע צוזאמענשטויסן מיט נאראדאוועצעס אויף קארמעליצקע און לעשנע, אויף דזשיקע און נאוואליפקע. די בלוטיקע 1טע מייען מיט קרבנות זענען געקומען ערשט שפעטער. פאר יענער צייט איז דאס געווען אן איינגעגעבענע 1טער־מיי־פייערונג, וואס נאכן אויסהערן די רעדעס אויפן טעאטער־פלאץ זענען די קאלומנעס אוועק איבער פארשידענע קווארטאלן, האבן זיך אומגעקערט צו זייערע אינסטיטוציעס און זיך אויפגעלייזט.

א ריזיקע אינפלאציע רוקט זיך אן. די וואך האבן די ארבעטער פארדינט צו עטלעכע טויזנט מארק. און מען קריגט דערפאר זייער ווייניק. פאדערט מען העכערונגען, קומען פאר שטרייקן. די בעלי־הבתים ווילן נישט נאכגעבן, ס׳ווערן געפירט פארהאנדלונגען: ראזנבוים, דער פאראיינס־פונקציאנאר, קומט צו אונדז אין ווערקשטאט רעדן מיטן בעל־הבית. א הויכער, אין א סקויטישן הוט, מיט דער טעקע אונטערן ארעם, זעט ער אויס ווי א מיניסטער, און די ארבעטער קוקן אים אין מויל אריין. דער בעל־הבית קווענקלט זיך: די גרויסע געשעפטן פון וועלכע ער איז אפהענגיק ווילן אויך נישט דערלייגן. דאך, נאך לאנגע פארהאנדלונגען, וואס דויערן א סך טעג, גיט ער נאך. אבער מיטן הייבן זיך פון די ארבעטער־שכירות, מיטן שפרינגען פון די מיליאנען פון ארבעטער־לוין, שפרינגט נאך העכער דער יקרות. און אט שטעלט זיך ראזנבוים איין אויך פאר א העכערונג פארן לערנייִנגל. דער בעל־הבית שפרינגט אויף: וואס? פאר אים אויך? יא, פאטאקעווען די ארבעטער. ער איז אונדזערס א חבר.

וויפל דערהויבנקייט און וויפל דאנקבארקייט עס האט געפילט דאס יונגע הארץ! עס איז געווען אזוי גוט זיך צו פילן גלייך מיט אלע איבעריקע. כ׳האב אנגעהויבן פארשטיין די לעקציע וועגן ארבעטער־קלאס, כ׳האב זיך דערפילט א קליינער מיטגליד אין א גרויסער און וויכטיקער געזעלשאפטלעכער משפחה, ווו איינער נעמט זיך אן פארן אנדערן.

און ווען כ׳פלעג אפטראגן צוזאמען מיטן מייסטער די ארבעט אין די גרויסע מאגאזינען, צו פאלטענבערגן אויף שווענטא־יערסקע און נאלעווקעס, אנטקעגן קראשינסקיס גארטן, אדער צו די אנדערע בעל־הבתים פון שווענטא־קשיסקע און מארשאלקאווסקע אנטקעגן דעם ווינער באנהויף, פלעג איך שוין קוקן אויף זיי מיט די אויגן פון א באוווּסטזיניקן ארבעטער וואס ווייס פון קלאסנקאמף. די מוטיקייט וועגן וועלכער מען האט געזונגען אין די רעוו׳ לידער ביי דער ארבעט האב איך אריינגעלייגט אין די בליקן וואס כ׳האב זיי געשיקט.

אין ווערקשטאט ענדיקט זיך די ארבעט. צוליבן יקרות קענען די מענטשן זיך נישט קויפן קיין בגד. דערפאר איז דא א סך מיליטערישע ארבעט. מען רעדט וועגן פילסודסקיס מארש אויף קיעוו, אז פוילן דארף זיין פון ים ביז ים. אין די גאסן באווייזן זיך האלערטשיקעס. מען שערט ביי יידן די בערד, און מיט די בערד רייסט מען מיט א שטיק פלייש. דער פאראיין פון רימארסקע 2־4 לעבט איבער זיינע לעצטע טעג. מען זעט עס אין די ערנסטע בליקן פון דער אנפירערשאפט. עס קומען מער נישט פאר די שטורמישע מאסן־פארזאמלונגען. דער ברען פון די דיסקוסיעס האט זיך ווי אפגעהאקט. א מין פארטייעטקייט און שפאנונג זענען אריינגעקומען אינעם לעבן פון פאראיין. דעם לעצטן אוונט ווען מיר זענען זיך צונויפגעקומען האט מען גערעדט וועגן פארשידענע פארארדענונגען פון דער מאכט בנוגע דער פראפעסיאנעלער באוועגונג און דעם ארבעטער־קלאס אין אלגעמיין: אז פילסודסקי פירט זיין מיליטער אויף מזרח, אז פראנצויזישע הויכע מיליטער־שעפן בראש מיטן גענעראל וויינאן באזעצן זיך אין ווארשע. מען האט אויך גערעדט וועגן רייאטן און עקסצעסן פון צעבושעוועטן מיליטער, וועגן א פאגראם אין לעמבערג. צום סוף זענען מיר, יונגע חברה אראפ צום ראג סענאטארסקע, ווו צוגעקלעפט צום פאראיינס־בנין איז געווען א רעסטאראן פאר דער הויכער געזעלשאפט און אין מיטן פון די אויסגעשטעלטע טישלעך מיט די ספעציעלע לעמפעלעך צווישן גרינס איז געווען א מין אלטאנע, ווו מען האט אלע נאכט געשפילט מוזיק. מיר פלעגן זיך ארומשטעלן אויפן גאס ארום דעם דראטענעם מיט גרינע פלאנצן דורכגעפלאכטענעם צוים און איינהערן זיך די מוזיק. אין יענער צייט איז נאך קיין ראדיא נישט געווען און הערן גוטע מוזיק איז געווען א געשעעניש. דאס איז געווען די לעצטע נאכט אויף רימארסקע 2־4. אויף צו מארגנס איז דער פאראיינס־לאקאל געשלאסן געווארן צוזאמען מיט אלע אנדערע פאראיינען וואס האבן געבילדעט דעם קערן פון דער פראפעסיאנעלער באוועגונג אין ווארשע און אין גאנץ פוילן.

ווי א קאשמאר האט זיך אויף ווארשע אראפגעלאזט די מלחמה וואס פילסודסקיס לעגיאנערן האבן אנגעצונדן קעגן ראטנפארבאנד. אויסנאם־צושטאנד, אבלאוועס, עקזעקוציעס. ווי עס ווערט טונקל טאר מען אין גאס נישט ארויסגיין. מיליטער־פאטרולן שליסן אפ גאנצע קווארטאלן, און פון הויף צו הויף זוכט מען דעזערטירן. און א דעזערטיר באקומט טויטשטראף. די מלחמה איז נישט פאפולער ביים פאלק. כדי צו פארטומלען די סאלדאטן ווערט אויפגעשרויפט ביז צום העכסטן גראד די אנטיסעמיטישע העצע. זשירקאמונא, זשיד־באלשעוויק און געוויסע חוזק־לידלעך אויפן חשבון פון יידישן סאלדאט דערפירט צו מעשה יאבלאנע. יאבלאנע איז א מיליטערישער קאנצענטראציע־לאגער, וווהין ס׳זענען פארשיקט געווארן אויסשליסלעך יידישע סאלדאטן. ספעציעל איז דאס ארט באריִמט געווארן צוליב א באן־קאטאסטראפע וואס איז בכיוון פארורזאכט געווארן דורך דער מיליטערישער מאכט. עס איז דעמאלט געפארן אן עשאלאן געפאקט מיט יידישע סאלדאטן. דער רעזולטאט איז געווען צענדליקער טויטע און פארוווּנדעטע.

אין די ווערקשטאטן האט מען געארבעט פארן פראנט. די אויסגעקעמפטע פאראיינס־באדינגונגען זענען אפגעשאפט געווארן, ווידער האט מען געארבעט ביז שפעט אין די נעכט, און אפט גאנצע נעכט, אונטערן אויסרייד אז מען מוז ליפערן די ארבעט. אבער דער קאנטאקט פון דער יוגנט האט טיילווייז אנגעהאלטן. אין די פרייע שעהען פלעגט מען זיך טרעפן אויף גענשע 39. אין א שטוב

פון אַ חבר האָט מען אפילו געגרינדעט אַ דראַמאַטישן קרײַז און מיט פרימיטיווע מיטלען דורכגעפירט עטלעכע אײנאַקטערס.

דער הויכפּונקט פון די געשעענישן איז געקומען ווען די רויטע אַרמיי האָט זיך דערנעענטערט צו די טויערן פון וואַרשע. די רעגירונג האָט צונויפגענומען יונג און אַלט און אונדז אַוועקגעפירט גראָבן אָקאָפּעס. אונדזער סעקטאָר איז געווען גראָכאָוו.

דערנאָך איז געקומען די ידיעה אַז דער קאָמבינירטער פראַנצויזיש־ענגלישער גענעראַל־שטאַב האָט מיט נאָרדאַמעריקאַנער הילף דורכגעבראָכן דעם פראָנט פון דער רויטער אַרמיי. עס האָט באַקומען דעם באָמבאַסטישן נאָמען „צוד נאַד וויסלאָן"" — דער נס בײַ דער ווײַסל.

נאָכן שליסן דעם שלום איז אַראָפּגענומען געוואָרן דער אויסנאַמס־צושטאַנד, און ביסלעכווײַז האָט צוריק אויפגעטויכט די אָרג'



איינע פון די גרופּעס „משהלעך" מיטן לערער זאָלאָטאָוו

אַרב'־באַוועגונג. דער נאָדל־פאַראיין האָט זיך געעפנט אויף לעשנע 1. ווידער איז דאָ אַ יוגנט־סעקציע בײַם פאַראיין. מיט פרייד האָבן מיר זיך אומגעקערט צו דער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן געפילט אין זיך כוחות פאַר נײַע אַרבעטן. עקאָנאָמיש האָט אָנגעהאַלטן אַ דעפּרעסיע. מען אַרבעט קורצע סעזאָנען, די בעל־הבתים צאָלן מיט וועקסלעך. דאָס איינציקע מיט וואָס דער אַרבעטער האָט געקענט ענטפערן זענען געווען שטרײַקן. און שטרײַקן זענען פאָרגעקומען מעכטיקע, דאָס לאַנד איז געווען אויפגערודערט, דער פּראָלעטאַריאַט פון די גרויסע שטעט, דאָס פאַראָרעמטע פויערטום, די באַפעלקערונג פון די קרעסן האָבן געקעמפט, און די רעגירונג האָט געטאָן אירס. זי האָט גענוצט פּאָליציי, געריכטן. עס האָבן געאַרבעט די רעאַקציאָנערן, דער קלער, די גאַנצע פאַשיסטישע, אַנטיסעמיטישע מאַשין, עס האָט זיך באַוויזן גראַבסקים עגלה וואָס פלעגט צונעמען אפילו די שטוב־בעבעכעס פאַר נישט־געצאָלטע שטײַערן.

טראָץ דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן אָנגריף מצד דער שוואַרצער ענדעציע האָט אויפגעלעבט אַ געזעלשאַפטלעך־קולטורעל יִדיש לעבן. און וואַרשע איז געוואָרן דער צענטער פון שולן, צײַטונגען, טעאַטער און ליטעראַטור און פון צענדליקער אַנדערע פאָרמען פון יִדישער קולטור־טעטיקייט אין דעם נאָכמלחמהדיקן פּוילן. אָבער צוזאַמען מיט דעם זענען געווען תפיסות וווּהין עס זענען אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן די בעסטע זין וואָס האָבן געחלומט און געקעמפט פאַר אַ פרײַ און אַנטיפאַשיסטיש פּוילן.

מיר גרינדן דעם קרײַז „דעבס" (אויפן נאָמען פון נ'־אַמעריקאַנער אַנטימלחמה־קעמפער יודזשין דעבס), אָנגעפירט פון מענדל סקראָבעק. מיר פאַרזאַמלען זיך אַלע שבת אין דער פרי אין פּאַפּירפאַראיין אויף פּאַוויע 16. עס קומט אַ געמישטער עלעמענט, נישט בלויז נאָדל־יוגנט נאָר פון אַנדערע פאַראיינען אויך. מען גייט אַדורך



דעם „ערפורטער פּראָגראַם" און אַ קורס וועגן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם.

אַ געפיל פון ליבע און פאַרערונג רופט אַרויס צו זיך מענדל סקראָבעק. שוין זײַן אָנטאָן זיך — אַ טונקל־גרויער אָנצוג, אַ ווײַס העמד און אַ שוואַרצער קאַפּעלוש, ציכטיק און שטענדיק מיט אַן אײדעלער באַנעמונג — גיט אונדז דעם טאָן ווי אַזוי אַ יוגנטלעכער אַרבעטער דאַרף זיך האַלטן. און אויפן זעלבן אופן באַגײַסטערט אונדז זײַן חברטע סאַראַ. דאָס איז גורם צום שאַפן זיך אַ ביסל שפּעטער פון אַ האַרציקער גרופּע יוגנטלעכע אונטערן פּסעוודאָנים „משהלעך". דערווײַל קומען מיר זיך צוזאַמען בײַ חברים אויף קלײנע ליאַמעס, און די יוגנטפרייד לאָדן מיר אויס צום בעסטן אין פּאַרטאָגס אויף „מײַי־וווקעס" אָדער אין לאַנגע שפּאַצירן צום סקאַרשעווסקי־פּאַרק אויף יענער זײַט ווײַסל, אין פּראַגע. אין די לאַנגע ווינטערנעכט איז געווען אַ ספּאָרט צו גיין אויף גאַפּע אין דער אָפּערע. ד"ה קויפן 3 בילעטן און אַרײַנפירן ביז 15 אָדער 20 חברה.

די זעלבע גרופּע „משהלעך" הייבט אָן צו נעמען פּריוואַטע לעקציעס בײַ זאָלאָטאָוו, אַ לערער מיט אַ סך וויסן. ער עפנט פאַר אונדז אויף דעם פאָרהאַנג פון דער וועלט־ליטעראַטור, פון דער וויסנשאַפט, פאַרשטייט זיך אויף וויפל עס איז צוגענגלעך פאַר אַ יוגנט וואָס הייבט ערשט אָן זעלבסטבילדונג.

אין די טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען, מיט וועלכע אונדזער יוגנט־וועלט איז געווען אויסגעפילט, האָט אָנגעהויבן אַרײַנדרינגען אַ נײַע און הייסע דיסקוסיע וואָס איז אין משך פון אַ קורצער צײַט געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלער פּראָבלעם: דאָס זענען געווען די 21 פּונקטן פון 3טן אינטערנאַציאָנאַל, צוגעשטעלט צו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ווי אַ באַזע פאַר אַ פאַראייניקונג: אומעטום האָט מען וועגן דעם דיסקוטירט, אויף פּשעיאַזד 9, וווּ דער „בונד" האָט געהאַט זײַן קיך, אויף קאַרמעליצקע 23, וווּ די פּ"צ האָבן געהאַט זייער קיך, בײַ די „פאַראייניקטע" אויף לעשנאָ 49, אין אַלע פּראָפ' פאַראיינען. פּאַקטיש איז עס געגאַנגען וועגן דער שטעלונג צום רוסישן פּראָלעטאַריאַט און צו זײַן זיגרײַכער רעוואָלוציע. אויף די שפּאַלטן פון די בונדישע „לעבנס־פראַגן" האָט באַהאַנדלט די 21 פּונקטן דער טעאָרעטיקער וולאַדימיר מעדעם און אָנגעוויזן אַז דער יִדישער פּראָלעטאַריאַט קען אָננעמען בלויז 16 פּונקטן. אים האָט געענטפערט מיט ברען קלמן קאַמאַשנמאַכער, אָנווײַזנדיק אַז מען דאַרף אָננעמען 1½ פּונקטן. בלויז די אָנהענגערס פון אַלע 21 פּונקטן האָט מען אין גאַנצן נישט געלאָזט קומען צום וואָרט און זיי האָבן זיך געמוזט באַדינען מיט ספּעציעל אַרויסגעלאָזטע בלעטלעך.

אונדזער אַרבעטער־יוגנט, וואָס אין איר גרעסטער מערהייט האָט זי נישט דורכגעמאַכט קיין סיסטעמאַטישע שול מחמת די יאָרן פון מלחמה איז צוגעפאַלן ווי אַ דורשטיקע צום קוואַל

פון וויסן און בילדונג. דערפאר אזא ערנסטקייט אויף די קרײַזלעך, א פאראכטונג צו יוגנטלעכע וואָס גייען טאנצן. דאָס זעלבע צו מיידלעך וואָס שמירן די ליפּן און די נעגל. דער מוסטער איז געוואָרן ווי שוין איין מאָל דערמאָנט, די גרופּע „משהלעך" אָנגעפירט פון זאָלאָטאָוון: דער הילוך איז געווען טונקעלע אָבער ריינע קליידער, א ווײַס קעלנערל און א ביכל אונטערן אָרעם. דער באַליבטסטער טרעפפּונקט איז געווען אויף די אָוונטקורסן פון שווענטאָיערסקע 32, ווו עס האָט בײַ טאָג פונקציאָנירט א גימנאַזיע. די גרופּע איז באשטאַנען פון די שוועסטער סארא און גוטשע אַפּעלבוים, עדזשיע און חנהלע פּשעטיצקא (הײַנט אין מאָנטעווידעאָ), די שייבינקע רוזשקע פּרילינג, בראָנקע זויבערמאַן, פעלע ווײַנרײַך, מאַטעס בער נאַבעל און נאָך א פינף אָדער זעקס יוגנטלעכע.

דאָ אויף די אָוונטקורסן, אויף שווענטאָיערסקע 32, האָבן זיך אין די פרייע שעהען נאָך די לעקציעס פון געשיכטע, נאַטורוויסנשאַפט, ליטעראַטור און אריטמעטיק — ספּעציעל אין די שבת־טעג — פאָרמירט די דיסקוסיעס פאר אָדער קעגן די 21 פונקטן אָבער 90 % פון די יוגנטלעכע זענען מיטגעריסן געוואָרן מיטן ברייטן שווונג פון די ארגומענטן וואָס זענען אויסגעוויקלט געוואָרן מצד די לערערס זאָלאָטאָוו, פײַנזילבער, קאַפּלאַן, וואָס איז געווען א סטודענט פון אוניווערסיטעט, און מצד דעם הינקעדיקן לערער יוליאַן. עס האָבן דעמאָלט אויפגעטויכט אין לויף פון די דיסקוסיעס יוגנטלעכע ארבעטער מיט שאַרפע צינגער, ווי אַדעק ליכטנשטיין, גיטעלע ראַפּאָפּאָרט, וואָס איז נאָר וואָס ארויס פון פּאַוויאַק, הערשל גאָלדפינגער, פראַימל פינקערט, און פיל אַנדערע צענדליקער יוגנטלעכע וואָס האָבן דורכגעפירט שליחותן אין די פּראָווינצשטעטלעך כדי צו געווונען די יוגנט.

עס איז געשאַפן געוואָרן די קאָמצוקונפט. פארשטייט זיך אַז באַלד האָט די פּאָליציי פונאַנדערגעטריבן די קורסן פון שווענטאָיערסקע 32, אָבער אין גוראַנגל פאר לערנען האָבן מיר געעפנט אָוונטקורסן אויף נאַוואָליפּקע 68, אויפן 3טן שטאָק, ווו עס האָט בײַ טאָג פונקציאָנירט א פאָלקסשול. אָבער נאָך א פּאָר מאָנאַט טעטיקייט האָט מען אונדזערע אָוונטקורסן ווידער פארמאַכט. דעמאָלט האָבן מיר ערשט דערפילט דעם טעם פון באמת אומלעגאַלער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. עס איז אַנטשטאַנען א נייע פאָרעם פון קרײַזלעך און פּאָדפּונקטן, נײַע אויפגאַבעס. מען האָט באַדאַרפט צעפירן די אומלעגאַלע ליטעראַטור, צענדליקער חברים פלעגן דערבײַ ארײַנפאַלן און קריגן טורמעשטראָפן ביז 8 יאָר. מיר האָבן אָנטייל גענומען אין גרויסע שטרײַקן און מאַניפעסטאַציעס, מיר האָבן געדאַרפט אויסטיילן פון זיך א רעפערענטן־קרײַז, וואָס זאָל ברענגען דאָס וואָרט פון דער אָרגאַניזאַציע און איר פּאָליטישע אָריענטאַציע פאר די קרײַזן פון ווארשע און פון הינטערשטאָטישן ראַיאָן אויף דער באַזע פון די באשטעטיקטע טעזיסן. עס זענען אויסגעבויט געוואָרן רעפעראַטן און מיט די רעפעראַטן פלעגט מען ארומפאָרן איבער די הינטערשטאָטישע ליניעס, ווי גריצע־גער, זשיראַרדאָוו, פּאַלעניץ אָטוואָצק, ביז קאַלושין. צווישן די פארשידענע טעזיסן אויף אַקטועלע טעמעס האָבן מיר אויך באַארבעט א רעפעראַט אד"ט „רעליגיע־אָפּיום פארן פאָלק". צו די שענסטע קאַפּיטלען אין אונדזער טעטיקייט האָבן געהערט דאָס קלעפּן בלעטלעך און דאָס הענגען פענער אויף די טראַמווײַדראָטן. אין גרופּעס צו 6 אָדער 8, שפּאַנדיק א שורה פאָרויס און פון הינטן, גייען די קלעפּער פון גאַס צו גאַס און די איינציקע האַסלע איז א הוסט אָדער א שטילער פײַף. דאָס זעלבע קומט פאָר, נאָר מיט מער עפעקט, בײַ אויפהענגען א פאָן מיט פּאַסיקע צײַטלאָזונגען. אין דעם פּלאַטער פון דער רויטער פאָן אין מיטן גאַס אויפן טראַמווײַדראָט איז דאָ אַן אָנזאָג אַז די אָרגאַניזאַציע לעבט טראָץ דער אומלעגאַלקייט.

דאָס אויפהענגען די פאָן קומט פאָר אויף אזא אופן: מען וואַרפט אַריבער א שטיינדל מיט א צוגעפעסטיקטן שטריקל איבער דעם טראַמווײַדראָט. אויף דעם צווייטן ברעג שטריקל איז צוגעפעסטיקט די פאָן מיט א זשאַבקע, וואָס האָט פיר האַטשיקלעך אין דער פאָרעם פון אַנקערס. איינער פון די האַטשיקעס פארכאַפּט דעם דראָט. מען גיט א צי דאָס שטריקל און עס רײַסט זיך איבער, און די פאָן בלײַבט הענגען. יאַטן ציִען אָפּ, איינער שטייט פון דער ווײַטנס אויף אָבסערוואַציע.

דערווײַל ווערט א קאָך אין גאַס, מען לויפט צו וויסן געבן דעם נאָענטסטן פּאָליציאַנט, עס ווערט ארויסגערופן דער ספּעציעלער וואָגן צו פאַרריכטן די עלעקטרישע דראָטן, די טראַמווײַען בלײַבן שטיין און די מענטשן גייען אראָפּ א קוק צו טאָן וואָס עס איז געשען. לייענט מען איבער די אויפשריפטן אויף דער פאָן. די פּאָפּולערסטע לאָזונגען זענען געווען: ברויט און ארבעט, אַמנעסטיע פאר פּאָליטישע אַרעסטירטע, קעגן די שטראָף־באַטאַליאָנען אויף די קרעסן, אאז"וו.

---

מײַן שוועסטער נאָמטשע איז געווען יינגער פון מיר מיט 2 יאָר. זי איז אַוועק אַרבעטן אין א ווערקשטאַט פון שטריקערפאַך, און ארײַנגעטראָטן אין א גרופּע בײַם זעלבן פאַראיין.

אומגעריכט האָב איך זיך איין מאָל אין אַן אָוונט אין דער היים אָנגעטראָפן ווי מײַן שוועסטער נעמי האָט אין קיך געגרייט, צוזאַמען מיט אירע חברים, קעסלעך קליי. עס איז פאר מיר געווען א פריידיקער סורפּריז וואָס מײַן שוועסטער געהערט אויך צו א יוגנט־גרופּע. האָבנדיק א פרײַען אָוונט האָב איך זיי באַגלייט אין גאַס צו קלעפּן. מיט אַן ענטוזיאַזם וואָס איז שטענדיק אייגן דער יוגנט האָט זי זיך ארײַנגעוואָרפן אין דער ארבעט. אַזוי זענען אַדורך 2 יאָר פון פארשידענע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבעס און פּרעכטיקע אויספלוגן.

אָט די נאָמטשע מיט אירע 18 יאָר, שלאַנק און בלאָנד, מיט הימל־בלויע אויגן און ראָזע בעקלעך, די צעפּ פארקעמט אין א קײַשעלע איבערן קאָפּ, איז קראַנק געוואָרן אויף דער פּראָלעטאַרישער קרענק טובערקולאָז. נאָכן אָפּליגן א צײַט אין שפּיטאָל אויף טשיסטע איז מײַן שוועסטער נעמי געשטאָרבן. די יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט גערופן אירע מיטגלידער צו דער לוויה און עס איז געשען א זאַך וואָס האָט זיך כמעט נישט פּראַקטיצירט אויף יִדישע לוויות: די אָרגאַניזאַציע האָט געשיקט בלומען. און ווען דער צוג האָט גערירט פון טשיסטער שפּיטאָל, דורכשנײַדנדיק פּלאַץ קערצעלי, האָט זיך דער בעל־עגלה פארנומען מיטן אָקאָפּ צום יִדישן בית־עולם פון גענשע. דאָ זענען צוגעשפּרונגען יוגנטלעכע, האָבן פארהאַלטן די פערד און געפאָדערט בײַם בעל־עגלה, ער זאָל שנײַדן מיט לעשנע און דורכפאָרן דעם טעקסטיל־פאַראיין פון קאַרמעליצקע 15. אויף זײַן אָפּזאָג האָט אים חברה פּשוט אַראָפּגעשטופּט פון וואָגן און די לייצעס האָט איבערגענומען דער חבר פאָנטשאַק (הײַנט אין בוענאָס־איירעס), און צוגעפירט די עגלה צום טעקסטיל־פאַראיין. פארשטייט זיך אַז אויפן פעלד איז שוין געווען פול מיט פּאָליציי. אויסער די פאַמיליאַרן און גאָר נאָענטע חברים איז קיינער נישט צוגעלאָזן געוואָרן צו דער באַערדיקונג.

---

דאָס טאָג־טעגלעכע אָנוואַקסן פון נײַע פּראָבלעמען האָלט געשפּאַנט דעם יוגנטלעכן. עס ווילט זיך ארומנעמען ברייט דעם גאַנג פון לעבן. עס פילט זיך א מאַנגל אין וויסן. דערצו קומט די פּלאָג פון ארבעטסלאָזיקייט. און אַז מען קריגט שוין ארבעט איז עס אויף קורצע סעזאָן־טערמינען. פון אַלע שטעט און שטעטלעך ארום קומען יונגע מענטשן קיין ווארשע. אָבער פון ווארשע צעפאָרט מען זיך, איבער הויפּט קיין פּאַריז אָדער אין די אַמעריקאַנער לענדער. אונדזער בערזע אויף „לעשנע", צווישן קאַרמעליצקע און פּשעיאַזד. אין יעדער פרײַער שעה, בײַ טאָג צי בײַ נאַכט, זומער צי ווינטער, אונטער אַלע וועטערן, איז עס געווען אונדזער נישט־געדונגענער ערנקלוב. אויף די 200 מעטער גאַס פלעגט מען זיך באַגריסן בלויז מיט א בליק. עס האָבן א פּלעמל געטאָן די אויגן און ארום די ליפּן האָט זיך געוויזן א קוים מערקבאַרער שמייכל. און אַז א חבר איז ארויס פון תפיסה און האָט דורכגעשפּאַצירט די לעש, פלעגן בלויז די אויגן אויסדערציילן די פארערונג און די באַגריסונגען. דאָ אויף דער לעשנע בעתן גיין הין און צוריק אָדער — אין דער צײַט פון א רעגן — בײַם פארהאַלטן זיך אין די טויערן, זענען אָנגעקומען און אָפּגעגעבן געוואָרן דירעקטיוון. פון דאַנען איז מען געגאַנגען צו פּאָדפּונקטן, צו אָפּנעמען און פארטיילן ליטעראַטור. דאָ זענען אָפּגערעדט געוואָרן אויספלוגן און מאַניפעסטאַציעס און פון דאַנען פלעגן זיך פאָרמירן שפּאַצירן צו דער ווײַסל אָדער אין סקאַרשעווסקי־פּאַרק. און דאָ בײַ דער ווײַסל, פרײַ פון א פרעמדן אויג, בײַ די פײַערלעך וואָס שפּיגלען זיך אָפּ אין וואַסער, האָט די יונגע פאַנטאַזיע אַוועקגעטראָגן צום פרײַען און נײַעם פּוילן וואָס וועט קומען. און אַלע, אַלע זענען זיכער אַז

מיר ווילן עס דערלעבן, אַז אָט־אָט, מיטן האַנט צו דערלאַנגען, זענען די סמנים פון דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע. און חברה אַ מאָל צו 15 אָדער 20 יאַטן, נעמען פון באַגײַסטערונג שטיל, שטיל, זינגען אַ ליד, אָדער אַ חברטע זינגט פון די נײַע לידער וואָס דער פּוילישער פּראָלעטאַריער האָט געשאַפן. זייער פּאָפּולער זענען פּאַראָדיעס אויף פּאָפּולערע מאָטיוון.

ארויפקומענדיק איין מאָל אויף לעשנע, מעלדעט מען מיר אַז כ'בין באַשטימט ווי אַ דעלעגאַט פון דער יוגנט־סעקציע בײַם נאָדל־פאַראיין צום צוזאַמענפאָר פון האַרצעזש וואָלני. דער האַרצעזש וואָלני איז געווען אַ סטודענטיש־סקויטישע אָרג' אונטער דער השפּעה פון פּפּ"ס, אָבער דער אויפשוואונג פון פּאָליטישן באַוווסטזײַן האָט ביסלעכווײַז צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אַ לינקער אָריענטאַציע פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. און איצט גרייט זיך זייער קאָנגרעס, האָבן זיי באַשלאָסן קעגן די שטימען פון פּפּ"ס איינצולאַדן פאָרשטייערס פון די יוגנט־סעקציעס ביי די פּראָפ' פאַראיינען.

אין אַ פּרעכטיקן זומערדיקן זונטיק זענען מיר אַרויסגעפאָרן קיין קאַטשע־דול. טיף אין וואַלד איז געשטאַנען אַ פּפּ"סישע קינדער־קאָלאָניע. באַליגט די קרעדענציאַלן, נעמען מיר זיך אַרומקוקן, אַ סך באַקאַנטע און נאָענטע פּנימער. פון נאָדל זענען מיר געווען גוטעק (סטאַך) און איך, ראַמעט און מאיר פון לעדער, איטשע (דער שוואַרצער) און נאָך אַ חבר פון מעטאַל, חיים און לייבעלע פון טעקסטיל, יוגנטלעכע פון האָליץ־ און האַנדלס־אָנגעשטעלטע, פּוילישע יוגנטלעכע פון זייערע פּראָפ'פאַראיינען, פאַכן ווו קיין ייִדישער אַרבעטער זענען נישט געווען פאַרטראָטן. אָט דער אימפּאָזאַנטער עולם פון פּוילישער אַרבעטער־יוגנט און סטודענטן האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם קערן פון וואָלני־האַרצעזש. נאָכן פײַנעם מיטאָק ווערן מיר פאַרבעטן אין וואַלד, ווו אויף אַ פרײַען פּלאַץ אַרום אַ צעליגטן פײַער הייבן זיך אָן די זיצונגען פון קאָנגרעס. עס קומט די טענה מצד די רעכטע גרופּירונגען פאַר וואָס מען האָט אײַנגעלאַדן פאָרשטייערס פון די יוגנט־סעקציעס. און עס אַנטשטייט אַ לײַדנשאַפטלעכע דיסקוסיע. מיט אַ מערהייט ווערט באַשטעטיקט אַז מען דאַרף פריִער ווײַלן אַ פאָרזיצער פון קאָנגרעס. עס זענען דאָ 2 קאַנדידאַטן — אַ פּפּ"סאָוויעץ און אַ פאָרשטייער פון פאַרבאַנד פון דער קאָמוניסטישער יוגנט. מיט אַ גאָר גרויסער מערהייט ווערט אויסגעוויילט ווי אַ פאָרזיצער דער יוגנטלעכער פון דער קאָמוניסטישער גרופּירונג. דאַן הערט זיך אַ שאָס און עס נעמען זיך איבעררופן פײַפלעך אין וואַלד. מיט שטוינונג דערזעען מיר זיך אַרומגערינגלט פון פּאָליציי מיט געווער אין האַנט. מיר הייבן אָן לויפן צו דער קינדער־קאָלאָניע, אָבער מיר זענען אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן. דער גאַנצער קאָנגרעס ווערט אַרעסטירט. אויף צו מאָרגנס פירט מען אונדז מיט לאַסטוועגענער אין דער באַרימטער דעפענסיווע פון דאַנילאָוויטשעווסקע. מיר טרעפן זיך דאָרט מיט נאָך חברים פון דער יוגנט און מיר ווערן געווויר אַז נעכטן זונטיק איז דורך די פּפּ"סישע באָיוווקעס דערמאָרדעט געוואָרן אויף לעשנע־גאַס דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־טוער וויקטאָר ביאַלי.



**נתן ראַדזאַנאָווסקי** (בוענאָס-איירעס)

# וואַרשעווער יידישער טעקסטיל-אַרבעטער-פאַראיין

**זייענדיק אַ שטריקער-אַרבעטער און אַן אַקטיווער טוער אין טעקסטיל-פאַראיין זינט זיין אָנהייב ביז זיינע בלײַאָרן פיל איך ווי מיין חוב צו שרייבן אין פּנקס-וואַרשע וועגן דעם וואָס די יידישע טעקסטיל-אַרבעטער האָבן געשאַפן. געוויס וועט עס נישט זיין קיין פולקאָמע געשיכטע פונעם וואַרשעווער יידישן טעקסטיל-אַרבעטער-פאַראיין. אַלץ וואָס איך וועל דאָ אַרויסברענגען וועט זיך שטיצן בלויז אויף מיין זכרון, און ביים דערמאָנען חברים אַקטיוויסטן וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין די אַרבעטן פונעם טעקסטיל-פאַראיין ביזן יאָר 1923 איז מעגלעך אַז איך זאָל אַרויסלאָזן די נעמען פון אייניקע חברים. זאָלן זיי מיר דערפאַר מוחל זיין, ווייל איך טו עס אָן שלעכטע כוונות. איך האָב זיי פשוט נישט געדענקט אָדער פאַרגעסן זייערע נעמען.**

---

די אַנטוויקלונג פון טעקסטיל-פאַראיין האָט זיך אָנגעהויבן, לויט ווי איך געדענק, אין די יאָרן 1908—1909. עס האָבן זיך צונויפגערעדט אייניקע באַוווּסטזיניקע אַרבעטער און געגרינדעט אַ בירזשע. יעדע בראַנזשע האָט געהאַט איר בירזשע אויף אַן אַנדער גאַס, אַזוי צ"ב האָבן די שטריקער געהאַט זייער ערשטע בירזשע אויף שמאָלע-מילע ביז דזשיקע (וועגן אַ לעגאַלן פאַראיין האָט מען אונטערן צאַריזם אפילו נישט געחלומט.) אויף דער בירזשע האָבן זיך די שטריקער-אַרבעטער געטראָפן יעדן אָוונט, און שפּאַצירנדיק הין און צוריק האָט מען באַהאַנדלט די פאַכפראַגעס און די פאַבריק-געשעענישן. צוליב זיכערהייט פלעגט מען אָפט טוישן דאָס אָרט פון דער בירזשע, אַזוי צ"ב האָבן די שטריקער זייער בירזשע איבערגעטראָגן פון שמאָלע-מילע אויף מוראַנאָווסקע, נאָכדעם אויף דזשיקע און שטשענשליווע ביז סטאַווקע. דאָס זעלבע האָבן געטאָן די איבעריקע טעקסטילפאַכן. די בירזשעס זענען דעמאָלט געווען די פאַכפאַראיינען, און פון די בירזשעס פלעגן אַרויסקומען טיילווייזע און אויך אַלגעמיינע שטרייקן. פון די בירזשעס האָבן די פּאָליטישע אַרבעטער-פּאַרטייען וועראַבירט זייערע מיטגלידער און געזוכט וואָס מער זיי צובאַהערשן, און דערפאַר זענען די בירזשעס געווען דער פונדאַמענט פון די שפּעטער גרויסע יידישע אַרבעטער-פּאַרטייען.

ווי שוין געזאָגט, פלעגן פון די בירזשעס אַרויסקומען פאַך-שטרייקן. אַזוי דערמאָנט זיך מיר אַ שטרייק פון די שטריקער-אַרבעטער, וועלכער האָט אָנגענומען אַ שאַרפע פאָרעם: היות דער שטרייק האָט זיך פאַרצויגן, האָבן די פאַבריקאַנטן געדונגען יידישע אונטערוועלט-מענטשן צו טעראָריזירן די שטרייקער. כאָטש די פאַבריקאַנטן זענען געווען יידן, האָט דאָס נישט געשטערט אַז זיי זאָלן אָנווענדן אַלע מיאוסע מיטלען. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז די אַרבעטער האָבן געמוזט אָננעמען מיטלען קעגן די אונטערוועלט-מענטשן, מען האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט אַנדערע פאַכן, און אַ גרעסערע גרופּע אַרבעטער זענען באַפאַלן אַ „קאַוויאַרניע" (קאַפע) וווּ עס זענען זיך צונויפגעקומען די אונטערוועלטניקעס, און מען האָט זיי גוט אָנגעבראָכן די ביינער. אויף צו מאָרגנס זענען זיי געקומען צו אונדז און צוגעזאָגט אַז זיי וועלן זיך שוין מער נישט לאָזן פאַרפירן פון די פאַבריקאַנטן, און דערביי צוגעוואָרפן אויף די פאַבריקאַנטנס חשבון אַ בינטל קללות לויט זייער שפּראַך. אָבער די פאַבריקאַנטן האָבן נישט אויפגעגעבן זייער קאַמף קעגן די אַרבעטער, דערגייענדיק צו פּאָליציי-מסירות, לויט וועלכע צוויי אַרבעטער זענען אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר, ביז די רוסלענדישע אָקטאָבער-רעוואָלוציע האָט זיי באַפרייט (ווי איך געדענק, האָט איינער פון זיי געהייסן שײַקע). אַזוי האָבן די בירזשעס עקסיסטירט ביז 1915, ווען וואַרשע איז אָקופּירט געוואָרן דורכן דײַטשן מיליטער.

באַלד ווי די דײַטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע, זענען זיך די אַלע בירזשע-אַקטיוויסטן — אַ גרויסער טייל פון זיי זענען שוין געווען מיטגלידער פון די פּאָליטישע אַרבעטער-פּאַרטייען — צוזאַמענגעקומען און באַשלאָסן צו גרינדן אַן אַלגעמיינעם טעקסטיל-אַרבעטער-פאַראיין. אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט —, זענען צווישן די גרינדערס געווען פאַרטראָטן לויט די פאַכן די ווײַטער-דיקע חברים: פון די שמיקלער: שימחה שמיקלער און לאָזער, מאָיסע, מענדל מאַרזשאַן. פון שטריקער: דער שוואַרצער אַבע, חנה, שמערל, שוואַרצער נתן, יודל פאָרמאַן און יצחק יאַקובאָוויטש. פון זאָקן: יעלען און יחיאל בראָן. פון העפטער: נח, דער הויכער מלך און מלך עסדעק. (מלך פײַנקינד, אומגעקומען בעתן אויפשטאַנד אינעם וואַרשעווער געטאָ. געווען דער פירער און אָרגאַניזאַטאָר פון די ווידערשטאַנד-גרופּעס פון די לינקע פועלי-ציון).

די יידישע טעקסטילער אין וואַרשע האָבן נאָך נישט געקאָנט צונויפנעמען די קליינע פּאָר מאַרקן צו דינגען אַ דירה פאַרן פאַראיין (ס'איז דעמאָלט נאָך גילטיק געווען דאָס געזעץ, אַז משפּחות פון „רעזערוויסטן" צאָלן נישט קיין דירה-געלט, האָט מען פּאָר עטלעכע מאַרק געקאָנט באַקומען אַ דירה.) האָבן מיר די זיצונגען געהאַט אין פּריוואַטע שטיבער. די ערשטע זיצונגען זענען פאָרגעקומען ביי דעם חבר חנה שטריקער אויף סטאַווקע 31, אין אַ קליין צימערל וווּ עס זענען נישט געווען קיין בענקלעך צו זיצן. מיר זענען איינפאַך געזעסן אויפן פּאָל אָן גאַז אָדער עלעקטרע, ביי אַ נאַפטלעמפּל, האָבן מיר באַשלאָסן די גרינדונג פון דעם טעקסטיל-פאַראיין. די פריער אויסגערעכנטע חברים האָבן זיך דערקלערט אַלס גרינדונגס-קאָמיסיע און מ'האָט גלייך זיך גענומען פאַרטראַכטן עפּעס צו טאָן, וועגן אויסבעסערן אָדער פאַרלײַכטערן די שווערע לאַגע פון די טעקסטיל-אַרבעטער. ווײַל מיטן אַרײַנקומען פון די דײַטשן האָט זיך אָפּגעשטעלט יעדע אינדוסטריע, אַזוי אַז דער הונגער האָט אָנגעהויבן צו הערשן אין די אַרבעטער-שטיבער. אונדזער קאָמיסיע האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט די דאַן געגרינדעטע אַרבעטער-קיכן (געגרינדעט פונעם „בונד", די מערהייט פון אונדזער קאָ־

מיסיע זענען שוין דעמאָלט געווען אונטער דער בונדישער ווירקונג.) וואָס האָבן אונדז צוגעשטעלט אַ צאָל באָנעס אויף ביליקע און אומזיסטע מיטאָגן, און דאָס האָט אַ ביסל דערלײַכטערט די הונגער־לאַגע פון אַ גרעסערער צאָל אַרבעטער־משפחות.

דאָס קומען אין קאָנטאַקט מיט גרויסע צאָלן אַרבעטער האָט צוגעהאָלפן אַרײַנצוציִען וואָס מער מיטגלידער אין פאַראיין. מיט דער צײַט האָבן מיר זיך איבערגעטראָגן אין דער וווינונג פון אַ צווייטן חבר אויף פאַוויע 48 אָדער 50. די אָרגאַניזיר־אַרבעט איז אָנגעגאַנגען מיט אַזאַ פאַרשטאַרקטן אָטעם, אַז באַלד האָבן מיר געמוזט זוכן אַ גרעסערע דירה. מיר האָבן דעמאָלט צוזאַמען מיט דער פאַפיר־בראַנזשע געדונגען אַ גרויסע דירה פון עטלעכע צימערן אויף פאַוויע 16, און דאָ האָט זיך שוין אָנגעהויבן די צוגרייטונג צו דער ערשטער אַלגעמיינער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם גרויסן סאַלאָן פון דער ייִדישער גמינע אויף גזשיבאָווסקע 26, אויף דעם ערשטן שטאָק. עס מוז דערמאָנט ווערן דער פאַקט, אַז די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ איבעררעשונג פאַר דער איניציאַטיוו־קאָמיסיע, דער זאַל איז געווען איבערפולט מיט טעקסטיל־אַרבעטער, וועלכע האָבן מיט ענטוזיאַזם אויפגענומען די גרינדונג פונעם ערשטן ייִדישן טעקסטיל־אַרבעטער־פאַראיין אין וואַרשע. ס'איז אויסגעווײלט געוואָרן די ערשטע פאַרוואַלטונג פון 11 מאַן, צוזאַמענגעשטעלט פון די ווײַטערדיקע פאַכן; שמיקלער — די חברים שימחה, לאָזער און מאָיסע. שטריקער — אַווּרעמל שטריקער, אַבע פלוג און נאָך איינער וועמענס נאָמען איך געדענקט נישט. פון זאָקן — יחיאל בראָן, משה יעלען. פון העפטער — מלך און נאָך איינער, און אין פאַרטרעטערשאַפט פון די פרויען איז געווײלט געוואָרן אַ חברטע וועמענס נאָמען איך האָב פאַרגעסן. אַלס ערשטער פאַרזיצער פונעם פאַראיין איז באַשטימט געוואָרן דער ח' אַווּרעמל שטריקער. צום באַדויערן האָט ער לאַנג נישט געקאָנט אָנהאַלטן דעם אַמט, ווײַל ער איז קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז — אַ ירושה פון די צאַרישע תפיסות.

באַלד אויף די ערשטע פאַרוואַלטונגס־זיצונגען האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרפעסטיקן די שוין אָרגאַניזירטע פאַכן. די ערשטע זענען געווען די שמיקלערס, וועלכע האָבן אויף אַ גוט באַזוכטער פאַרזאַמלונג אויסגעקליבן אַ פאַך־קאָמיסיע פון די ווײַטערדיקע חברים: לאָזער, מאָיסע, מלך, האָדעס, איטקע, יצחק אויג, מענדל מאָרזשאַן און שימחה באַלעבאָס (דעם בײַנאָמען בעל־הבית האָבן אים די חברים געגעבן פאַר זײַן אַכטונג געבן אויף דער אָרדענונג אין לאָקאַל און אָפּהיטן די מעבל. ער האָט דערצויגן די מיטגלידער צו האַלטן ריין די צימערן און שוינען דאָס געזעלשאַפטלעכע אייגנטום).



אַ ייִדישע שטריקער־פאַבריק אין וואַרשע אין 1912

דאָס צווייטע פאַך לויט דער ריי זענען געווען די שטריקער־אַרבעטער, אַ פאַך וואָס איז דעמאָלט כמעט געווען אין גאַנצן אין ייִדישע הענט. די שטריקער זענען שוין פון פריִער געווען אָרגאַניזירט אויף די בירזשעס, דערפאַר זענען זיי געקומען אין אַ גרעסערע צאָל צו דער פאַררופענער פאַרזאַמלונג. די געווײלטע פאַך־קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון די ווײַטערדיקע חברים: אַבע פלוג, חנא גאָלדבערג, שמערל, יצחק פון קאַצס פאַבריק, טענענבוים פון פטאַשניקס פאַבריק, אידל פאָרמאַן, שוואַרצער נתן, יצחק יאַקובאָוויטש און נאָך איינער וועמענס נאָמען איך געדענק נישט. דאָס דריטע פאַך לויט דער ריי זענען געווען די זאָקן־אַרבעטער. דאָס פאַך איז שוין נישט געווען אַ דורכויס ייִדישס, דאָך האָבן די ייִדישע אַרבעטער זיך אָרגאַניזירט אין פאַראיין. די אויסגעווײלטע פאַך־קאָמיסיע איז באַשטאַנען, ווי איך דערמאָן זיך, פון די חברים יחיאל בראָן, משה יעלען, אידל גרינבלאַט און נאָך איינניקע. עטלעכע געפינען זיך הײַנט אין ישראל.

דאָס מאַשין־העפטער־פאַך איז אין זײַן גרעסטער מערהייט געווען אין ייִדישע הענט. די קאָמפליצירטקייט פון דער אַרבעט האָט געפאָדערט יאָרנלאַנגע פראַקטיק, ממילא זענען די מאַשין־העפטער געווען בעסער באַצאָלטע און גוט אָרגאַניזירטע. אין זייער פאַך־קאָמיסיע זענען געווײלט געוואָרן די חברים נח, מלך, אַלטער, שמעון, טויבטשע און נאָך איינניקע. די אַלע פריִער אויסגערעכנטע ח"ח זענען געווען די ערשטע אַקטיווע מיטבויערס פונעם גרויסן טעקסטיל־פאַראיין.

אַלע אויסגעווײלטע פאַך־קאָמיסיעס האָבן אָנגעהויבן אינטענסיוו צו אַרבעטן. מען איז געגאַנגען פון פאַבריק צו פאַבריק און אויך אין די שטיבער פון די אַרבעטער און זיי אַרײַנגעצויגן אין די פאַראיינס־רייען. כדי צו באַנעמען די שוועריקייטן פון די פאַראיינס־טוער איז גענוג צו דערמאָנען אַז בײַ די אַלע פאַכן איז דאַן קיין סך אַרבעט נישט געווען, און אַלע אונדזערע אַקטיוויסטן האָבן געמוזט זוכן אופנים צו פאַרדינען אויף ברויט. טראָץ אַלע שוועריקייטן

האט מען זיך דאך אפגעגעבן מיטן גאנצן ענטוזיאזם דער פאראיינס־ארבעט.

ווען די דערמאנטע פאכן זענען שוין געווען באפעסטיקט, האט די אלגעמיינע פארוואלטונג אנגעהויבן ארגאניזירן די אנדערע פאכן וואס געהערן צו דער טעקסטיל־אינדוסטריע, ווי צ״ב: וועבער, וואטע־מאכערס, שמאטע־סארטירערס און דריוולערס, אונטערוועש און קאשולקעס, גארנצווייג, האנטהעפטערינס, און אויך גרינדן א יוגנט־סעקציע.

שווערער איז צוגעגאנגען דאס ארגאניזירן די האנטהעפטערינס. דאס פאך איז באשטאנען סיי וואס שייך די ארבעטער און סיי וואס שייך די אונטערנעמערס — פון פרויען, און ביידע שיכטן זענען געווען פון די „בעסערע”, זיי האבן זיך געהאלטן ווי „אריסטאקראטינס”, זיי האבן נישט גערעדט קיין יידיש נאר פויליש. זיי האבן נישט געוואלט קומען אין פאראיין, נישט קוקנדיק דערויף וואס די עקספלואטאציע אינעם פאך איז געווען זייער גרויס. נאר די אקטיוויסטן פון פאראיין האבן דאך באוויזן צוצוקומען צו די פאבריקלעך און געברענגט אין פאראיין אריין די ארבעטערינס פון איינציקע פאבריקלעך. נאך א צייט פון פראפאגאנדע האט מען גערופן א פארזאמלונג און אויסגעוויילט עטלעכע חברטעס צו דער שוין עקסיסטירנדער העפטער־קאמיסיע. שפעטער זענען צוגעקומען מער פאבריקלעך צום פאראיין און זיי זענען געווארן אן ארגאניזירטער צווייג ביים העפטערפאך.

די שמיקלער־קאמיסיע האט אנגעהויבן צו ארגאניזירן די גארן־ און נייפאדעם־ארבעטער. דאס פאך איז אויפגעקומען אין דער מלחמה־צייט און איינגעשטאנען ביי רעליגיעזע יידן אין די הענט. די ארבעטער זענען געווען מערסטנס פרויען, און אויך דא איז צוגעגאנגען שווער. די פאבריקאנטן האבן נישט צוגעלאזט קיין שום פארשטייער פון פאראיין צו די פאבריקלעך, זיי פלעגן רופן פאליציי און אפילו געהיימן ארעסטירן די פארשטייערס. אבער די פאבריקאנטן האבן געמוזט אליין ארויסנעמען די ארעסטירטע פון די פאליציישע הענט. נישט קוקנדיק אויף אלע שוועריקייטן האט מען דאך ארגאניזירט דאס פאך און צוגעטיילט די ח״ח אברהם וואלף, האדעס און נאך א חברטע צו דער שמיקלער־קאמיסיע.

דאס קוריאזטע איז געווען דאס וואטעפאך, וואס איז איינגעשטאנען אין יידישע הענט. די ארבעטער און די בעלי־בתים זענען געווען עלטערע חסידישע יידן. זייערע פארזאמלונגען פלעגן זיי אפהאלטן פרייטיק פאר נאכט, און ווען ס'איז געקומען דער זמן מינחה, פלעגן זיי בציבור דאווענען אינעם פאראיינס־צימער. ס'איז געווען א סך פאלן, ווען די ארבעטער מיט די אונטערנעמערס האבן געדאווענט אין איין שטיבל און געפארן צו איין רבין. די וואטע־פאבריקלעך זענען געווען איינגעארדנט אין די קעלערס, אן ליכט און לופט, מען האט געארבעט ביי נאפטלאמפן. דאך דארף דא אונטערגעשטראכן ווערן דער פאקט, אז גראד די וואטעמאכערס מיט די לאנגע בערד האבן ארויסגעוויזן מוט און קאמפס־גרייטקייט צו ארגאניזאציע: זיי זענען געקומען מיט זייער גוטן ווילן אין פאראיין און געהאלפן ארגאניזירן וואס מער פאבריקלעך. ס'איז כדי צו דערציילן א כאראקטעריסטישן עפיזאד: ווען א פארשטייער פון דער פארוואלטונג צוזאמען מיט צוויי מיטגלידער פון דער וואטעמאכערס־קאמיסיע זענען געקומען צו א געוויסן פאבריקאנט אויף אונטערהאנדלונגען וועגן די ארויסגעשטעלטע פאדערונגען, האט זיך ארויסגעוויזן אז דער פאבריקאנט און איינער פון די פארשטייערס פון דער פאך־קאמיסיע פארן צו איין רבין. דאן איז צווישן די צוויי חסידים פארגעקומען דער ווייטערדיקער דיאלאג: דער פאבריקאנט ווענדט זיך צום ארבעטער מיט די ווערטער „רב יאנקל איר זענט געווארן א פירער צוזאמען מיט די פושעי ישראל, מיט די ציציליסטן?־ ווי אזוי וועט איר קומען צום רבין?” דאן האט דער ארבעטער, וואס האט געהאט א הדרת־פנים מיט א לאנגער בארד, אים געענטפערט די ווערטער „הער אויס, משה דוויד, דו זאגסט, אז זיי זענען פושעים און נאך אזעלכעס. פרעג איך דיך, צו דאס וואס זיי העלפן אונדז, אז מיר זאלן קענען פארדינען אויף א שטיקל ברויט פאר אונדזער משפחה, הייסט דאס דען נישט טאן א מיצווה? זאגט דען נישט די גמרא: כל המחיה נפש אחד מישראל יש לו חלק לעולם הבא? (ווער עס העלפט דערהאלטן ביים לעבן איין יידן דער האט א חלק פון עולם הבא.) נו, און זיי ווילן דאך, אז מיר זאלן קענען פארדינען אויף לעבן פאר אונדזער משפחה! נו משה דוויד, האבן זיי דען נישט מער עולם הבא ווי מיר! און דו רופסט זיי פושעים.”

אט אזוי האבן די פרומע חסידישע יידן פארטיידיקט זייערע פארשטייערס. מען מוז מודה זיין אז צווישן די דאזיקע יידן זענען נישט געווען קיין שטרייקברעכערס און זיי האבן געהיטן די פאבריקן אין צייט פון שטרייק און געברענגט פינקטלעך דעם באשטימטן מיטגלידס־אפצאל און זענען געקומען אויף יעדן רוף פונעם פאראיין.

צוויי פאכן איז אנגעקומען שווער צו ארגאניזירן: שמאטע־סארטירערס, וועלכע האבן קיין מאל נישט געחלומט צוצוקומען צו דער מדריגה פון געהערן מיט לייט צו גלייך צו א פראפעסיאנעלן ארבעטער־פאראיין, און דריוולערס, דאס פאך וואס איז געשאפן געווארן אין די מלחמה־יארן בעת דער דייטשער אקופאציע. דערמאלט האט אויסגעפעלט וואל צו דער ארבעט ביים שטריקערפאך, האבן יידן געשאפן א פאך דריוולערס. מען האט אויפגעקויפט אלטע סוועטערס, געניצטע אויף דער האנט, מ'האט זיי צעטרענט און פארזיכטיק פונאנדערגענומען די וואלפעדעם, פון וואס מ'האט ווידער געשטריקט סוועטערס. די שמאטע־סארטירערס און די דריוולערס האבן זיך געפונען אין דער ארעמסטער יידישער געגנט, ווי סמאטשע, גענשע און וואלינסקע. זיי זענען געווען געזעלשאפטלעך, זייער צוריקגעשטאנען און באנוצט א שפראך פון האלבע אונטערוועלט־מענטשן. ארגאניזירן זיי איז געווען זייער א שווערע ארבעט. דער שווארצער אבע (אבע פלוג) האט געווירקט אויף אונדזערע אקטיוויסטן מיט זיין ארגומענט: „ביי אונדז קאן נישט געהערט ווערן דאס ווארט מען קאן נישט צוקומען צו זיי. אויב — האט ער געזאגט — מיר וועלן זיך זאגן אז מיר מוזן צוקומען, וועלן מיר צוקומען.” און אזוי איז טאקע געשען. די אקטיוויסטן זענען צוגעקומען צו די פאבריקלעך און געברענגט די ארבעטערינס אין פאראיין. מ'האט זיי ארגאניזירט אין א פאך. די פארוואלטונג האט באשטימט אירן א פארשטייער אין דער פאך־קאמיסיע, און צוזאמען האט מען אנגעהויבן אן אינטענסיווע ארבעט, מאראליש ארויסצוהייבן די ארבעטער און גלייכצייטיק אויסצובעסערן זייער עקאנאמישע לאגע.

די פארוואלטונג האט נישט דורכגעלאזן קיין צווייג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע, ווי קליין דאס זאל נישט האבן געווען. אזוי זענען ארגאניזירט געווארן די ארבעטערינס פון געשטיקטער ארבעט — באפוצונגען צו פרויענקליידער.

קאשולקע־מאכערס (וואלענע אונטערוועש) איז געווען דאס לעצטע פאך וואס האט זיך אנגעשלאסן אינעם טעקסטיל־ארבעטער־פאראיין. פריער האבן זיי געהערט צו דער „צענטראלע” פון די ס״ם (פאראייניקטע) אויף דער לעשנע־גאס. לויט א באשטימונג פון דער פארוואלטונג פונעם טעקסטיל־פאראיין האט דער חבר נתן געפירט פארהאנדלונגען מיט דער קאמיסיע פונעם קאשולקע־פאך. זייער סעקרעטאר איז געווען איסר גאלדבערג (איצט אין צפון־אמעריקע) און נאך געוויסע אויפקלערונגען האט זיך דאס פאך אנגעשלאסן אינעם טעקסטיל־פאראיין.

ס'איז אויך געשאפן געווארן א יוגנט־סעקציע אין באשטאנד פון די יונגטלעכע פון אלע פאכן. די יוגנט איז טאקע געווארן דער אימפולסירנדיקער כוח, וואס האט אזוי גרויס געמאכט דעם ווארשעווער יידישן טעקסטיל־ארבעטער־פאראיין.

האבנדיק שוין אנגעשלאסן אלע קרובישע טעקסטיל־פאכן אין פאראיין, איז די פארוואלטונג צוגעטראטן אדורכצופירן עקאנאמישע פארבעסערונגען אין אלע צווייגן און גלייכצייטיק באפעסטיקט די פאבריקס־ארגאניזאציעס. דא דארף אונטערגעשטראכן ווערן אז מיר האבן געוואונען אלע ארויסגעשטעלטע פאדערונגען אין כמעט אלע פאבריקן.

ס'זענען אויך געווען פאלן ווען מיר האבן זיך געווענדן צום פוילישן טעקסטיל־פאראיין פון וואלסקע־גאס, פארלייגנדיק אים חברישע מיטהילף ביים ארגאניזירן די פוילישע טעקסטילער. (די אפארטוניסטישע פפ״ס־פירער פונעם טעקסטיל־פאראיין האבן זיך זייער ווייניק פאראינטערעסירט מיט דער לאגע אין וועלכע ס'האבן זיך געפונען זייערע מיטגלידער. די פוילישע טעקסטיל־ארבעטער אין ווארשע האבן געארבעט פאר א נידעריקערן לוין און נישט

פאַרמאָגט קיין קאָנטראָל איבער די פאַבריקס־אַרבעטער.) אונדזער פאַראיין האָט אַ סך מיטגעהאָלפן דעם פּוילישן אַרבעטער זיך בעסער צו אָרגאַניזירן, כאָטש צו אַזאַ שטאַרקער אָרגאַניזאַציע ווי ס'איז געווען דער יידישער טעקסטיל־פאַראיין זענען זיי קיין מאָל נישט דערגאַנגען. די יידישע פאַבריקן זענען געווען פאַרמאַכטע, ד"ה אַז אַ פאַבריקאַנט האָט גדאַרפן אַן אַרבעטער, האָט ער זיך געמוזט ווענדן צום פאַבריקס־דעלעגאַט וואָס האָט די ווענדונג איבערגעגעבן אין פאַראיין, וועלכער פלעגט שיקן די פאַררעגיסטרירטע מיטגלידער לויט אַ שטרענגן סדר. דאָס זעלבע האָט פאַסירט מיטן אָפּזאָגן אַן אַרבעטער, וואָס דער פאַבריקאַנט האָט געקאָנט בלויז מיט דער צושטימונג פונעם אַרבעטער־פאַראיין.

דער פאַראיין וואָס איז דאָן געווען אונטער דער ווירקונג פונעם בונד, האָט אויך אָנטייל גענומען אין אַלע פּאָליטישע אַקציעס, אַזוי אַלגעמיין לאַנדישע ווי ספּעציעל יידישע. אַלע אַקציעס פלעגן זיך פאַרוואַנדלען אין אויפקלערונגס־דיסקוסיעס, ווייל פאַר און בעת יעדער אַקציע פלעגן דורכגעפירט ווערן מאַסן־וועקס ביי וועלכע ס'פלעגן רעדן פאַרשטייערס פון אַלע פּאַרטיי־שאַטירונגען בײַם פאַראיין (בונד, פּועלי־ציון און ס"ד — שפּעטער קאָמפּאַרטיי.) די מאַסן־וועקס פלעגן טייל מאָל אָננעמען שטורמישע פאָרמען, אָבער שטענדיק באַלערנדיקע און דערציערישע.

דער טעקסטיל־פאַראיין איז געווען אַ אָנגעזעענער קולטור־פאַקטאָר אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. די ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון אַווערמל שטריקער איז געווען פון די גרעסטע יידישע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן, זי איז געשאַפן געוואָרן מיט דער אָנשטרענגונג פון אַלע יידישע טעקסטילער. ווער ס'האָט געבראַכט אַ בוך און ווער אַ פּאָר גראָשן, צוזאַמען איז עס געוואָרן דער יש וועלכער האָט אָנגעטאָן אַ כבוד יעדן אַרבעטער־טוער אָדער ליטעראַט וועמען מען האָט אָנגעבאָטן די טריבונע פון דער טעקסטיל־ביבליאָטעק. די גרעסטע פאַרדינסטן פאַרן וווּקס פון דער ביבליאָטעק האָבן געהאַט די ח"ח אַברהם ראָזנפעלד (געהרגעט געוואָרן אין מאָסקווע בעת אַ נאַציישער לופט־אַטאַקע), יאַנקל גאָלדשטיין (געשטאָרבן ענדע יאָר 1953 אין בוענאָס־איירעס) און דער ווייסער לאָזער. די ח"ח האָבן זיך פּשוט מוסר נפש געווען פאַר דער ביבליאָטעק. דער ח' אַברהם ראָזנפעלד האָט געזוכט ביכער פאַר דער ביבליאָטעק אין אַלע ווינקעלעך פון וואַרשע, אַפילו בײַ די סוחרים פון אַלטפּאַפּיר, און ער פלעגט אַ סך מאָל געפינען יקר המציאותן, קיין שום מיטל איז פאַר די דאָזיקע חברים נישט געווען צו שווער. זייער איינציקע אַמביציע איז געווען צו פאַרשענערן און פאַרגרעסערן די ביבליאָטעק. זאָל נישט פאַרגעסן ווערן אַז צענדליקער אַרבעטער־רעפערענטן, זשורנאַליסטן און אַפילו אָנגעזעענע ליטעראַטן פלעגן קומען אין ביבליאָטעק נאָך אַלטע צייטונגען, זשורנאַלן, בראָשורן און ביכער וואָס ס'איז שווער געווען צו געפינען אין עלטערע ביבליאָטעקן.

עטלעכע מאָל אין וואָך האָט די קולטור־קאָמיסיע בײַם פאַראיין דורכגעפירט רעפעראַטן אויף פּאָליטישע, ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע טעמעס. אין אַלגעמיין איז דער יידישער טעקסטיל־אַרבעטער־פאַראיין פון קאַרמעליצקע 15 געווען די היים פונעם יידישן טעקסטיל־אַרבעטער.



יחיאל גאַטאָווינע (תל־אביב)

# געשיכטע פון יידישן דרוקער־פאראיין אין ווארשע

די אנטוויקלונג פון יידישן דרוקער־פאראיין אין ווארשע איז איינס פון די אינטערעסאנטסטע קאפיטלען אין דער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג.

די געשיכטע פון דרוקער־פאראיין איז טיף פארווארצלט נאך אין די צייטן פון פינצטערן צאריזם. שוין אין די 80־90ער יארן פון פאריקן י"ה האבן די יידישע דרוקער־ארבעטער דורכגעפירט שטרייקן און געקעמפט פאר א נייער וועלט. מיר, די איבערגעבליבענע דרוקער־ארבעטער, געדענקען נאך זייער גוט די וועטעראנען פון אונדזער פאך, די חברים יצחק גרושקע (געשטארבן 1926), הערמאן (געשטארבן 1928), און מאיר בערגער, וועלכע האבן פיל בייגעשטייערט אין די שווערע צארישע צייטן. אנהייבנדיק פון די יארן 1880—1890, האבן זיי ארגאניזירט די דרוקער־ארבעטער וועלכע זענען געווען די ערשטע אויף די „בירזשעס" און „סכאדקעס" פון יענער צייט.

דער דרוקער־פראלעטאריאט מאכט אויך אדורך צו גלייך מיט דער גאנצער ארבעטערשאפט, דעם רעוואלוציאנערן אויפשוווּנג פון 1905. עס ווערן דורך דער גאנצער צייט געמאכט פרוּוון צו גרינדן א לעגאלע פראפ'ארגאניזאציע, אבער אן דערפאלג. אין 1911־1912 שאפט זיך צום וויפלטן מאל דער אומלעגאלער דרוקער־פאראיין. אין דער פארוואלטונג גייען אריין צווישן אנדערע די חברים: יאנעק יאנקעלעוויטש, דוויד הענדלער, משה טירמאן. דער אומלעגאלער דרוקער־פאראיין האט געפירט זיין גאנצע ארבעט אויף דער בירזשע וועלכע האט זיך געפונען אויף לעשנע, צווישן קארמעליצקע און פשעיאזד. די ארבעטער פלעגן זיך טרעפן איין מאל אין וואך. צוליב זיכערקייט־טעמים איז די בירזשע שפעטער אריבערגעטראגן געווארן אויף גענשע, צווישן נאלעווקעס און דזשיקע. אויף דער בירזשע פלעגן זיך צונויפקומען אין איין אוונט ביז 200 דרוקער־ארבעטער. צוליב דער גרויסער צאל חברים פלעגט שוין די בירזשע גערופן ווערן צוויי מאל אין וואך.

די הויפט־השפעה האט דער פאראיין געהאט אויף די אקסידענץ־ארבעטער. אין די צייטונגען ווו ס'האט געארבעט א מער אפגעשטאנענער עלעמענט, איז דעם פאראיין אפט אויסגעקומען צו פירן א קאמף. די עלטערע ארבעטער זענען געווען קעגן אפשאפן שטיקארבעט און איבערגיין אויף טאגלוין. מיטן אויסבראך פון דער וועלט־מלחמה אין 1914 ווערט אפגעווישט דער אומלעגאלער דרוקער־פאראיין. די סיבות זענען געווען די גרויסע ארבעטסלאזיקייט און די צעשטויבטקייט פון די חברים.

---

ביי די שווערסטע מלחמה־באדינגונגען אין 1915 ווערט לעגאליזירט דער דרוקער־פאראיין. קיין מיטלען צו דינגען א געהעריקן לאקאל זענען נישטא. דער פאראיין פארנעמט א קליין ווינקל אין דער דירה פון ח' חנינה פעדער, און דארט ביים שיין פון א קליין ליכטל ווערן דערליידיקט אלע פאראיינס־ענינים. פון אנהייב איז דער צופלוס פון חברים א שוואכער, נאר ביסלעכווייז קומען צו אלץ מער מיטגלידער. אין 1916, ווען עס נעמען דערשיינען יידישע צייטונגען, ווי דער „יוד" און שפעטער דער „היינט" און „מאמענט", קריגט דער פאראיין א געוויסע מאטעריעלע באזע. מען דינגט א לאקאל אויף לעשנע 42. אויך דער לאקאל איז א גאנץ נעבעכדיקער. דער מוט און גלויבן ביי די חברים זענען אבער פעסט. עס פארצווייגט זיך א ברייטע ארבעט.

אין דער ערשטער פארוואלטונג פון דרוקער־פאראיין אין 1915 ווערן אויסגעקליבן די חברים: משה ליטוואק, חנינה פעדער, בנימין קאשאקעוויטש, יאנקל בריליאנטשטיין, ליפע פילאטאווסקי, אברהם קעלמאן און משה שקליאר.

במשך פון העכער צוויי צענדליק יאר זענען געוויילט געווארן אין דער פארוואלטונג די וויַיטערדיקע חברים: י. אלדאק, משה בארנשטיין, מאטל בארנשטיין, ח. באכראך, מ. בערגער, י. בריליאנטשטיין, י. בערהאלץ, מ. באנעט, י. בלייפעדער, ש. גאלדמאן, מ. גוטשטיין, ג. גליזער, מ. גראסבוים, מ. גאלדבערג, ג. גורפינקל, וו. גלאטמעסער, ב. העכטמאן, ל. העכטמאן, י. מ. העלפגאט, ד. הענדלער, מ. ווילענסקי, מ. ווינבערג, מ. ווינטרויב, מ. ווינטרויב, א. וואלמאן, וו. ווערקצייג, מ. טירמאן, י. טשאפניק, י. טענענבוים, י. יאסקאוויטש, ש. יעזשאר, י. לערוך, מ. ליטוואק, י. לעוויט, ר. לעדערמאן, ש. לעוו, וו. מארגנשטערן, מ. נאמבערג, מ. סקליאר, י. סאבאל, ב. ערליך, ח. פעדער, ל. פילאטאווסקי, ב. פרעזמאן, מ. ב. קליינער, א. קאהאראדסקי, ה. ראזענבערג, וו. שטערנפעלד, מ. שאפירא, י. מ. שאנא, מ. שעכטמאן, א. שפיגלער.

זינט 1917 האט פארנומען דעם אמט פון פארזיצער, אן איבערריַיס, דער ח' לאזער קלאג. אלס סעקרעטאר האט צו ערשט געארבעט דער ח' שמויש. נאך אים דער ח' ב. ווארשאווסקי און צו לעצט דער ח' ר. פעדערמאן. אין אפריל 1925 איז גערופן געווארן די ערשטע לאנד־קאנפערענץ פון די יידישע דרוקער־ארבעטער און ס'איז אפיציעל געגרינדעט געווארן „דער צענטראלער פראפ' פאראיין פון די יידישע דרוקער־ארבעטער אין פוילן". דער פאראיין איז געווען אנגעשלאסן אין ווארשעווער צענטראלראט פון די פראפ' קלאסן־פאראיינען. בעת דער גרינדונג פון דער צענטראלע זענען געווען די וויַיטערדיקע אפטיילונגען מיט דער וויַיטערדיקער צאל מיטגלידער: ווארשע — 581, ווילנע — 151, גראדנע — 200, לאדזש — 75, ראוונע — 40, ביאליסטאק — 31, בריסק — 30, לובלין — 36, קאליש — 24, בילגאריי — 17, סלאנים — 16, קאוועל — 17, טשענסטאכאוו — 15, בענדין — 7, אסטראג — 7, צוזאמען — 1247.

אין די הונגער־יארן פון 1916—1918 האט דער פאראיין ארגאניזירט א ברייטע ווירטשאפטלעכע הילף־טעטיקייט פאר די מיטגלידער. עס זענען ארויסגעגעבן געווארן צעטלען צו באקומען ביליקע און אומזיסטע מיטאגן אין די ארבעטער־קיכן. שפעטער איז אויך ארגאניזירט געווארן אן אייגענע קיך אין לאקאל פון פאראיין. אין די שפעטערדיקע יארן פלעגט דער פאראיין ארויסגעבן הלוואות, געהאלפן דורכפארנדיקע חברים וועלכע פלעגן זוכן ארבעט, און מען פלעגט אויך העלפן ארבעטלאזע עמיגרירן.

דער דרוקער־פאראיין איז דער ערשטער צווישן אלע פראפ'־פאראיינען וועלכע פירן איין שוין אין די יארן 1921—1924 דעם באוועגלעכן לוינטאריף. געווען איז עס א פועל־יוצא פון דער כסדרדיקער אנטווערטיקונג פון געלט, ס'ווערט דאן אויך אויסגעקעמפט אן הוספה פאר די נאכטארבעטער, פאר צייטווייליקער ארבעט איז געשאפן געווארן א באזונדער הויכער טאריף, כדי צו צווינגען די בעלי־בתים צו באשעפטיקן שטענדיקע ארבעטער. ס'איז פארפעסטיקט געווארן די טראדיציע צו צאלן פאר ימים־טובים טאפלט און

ס'איז אויך אײַנגעפירט געוואָרן אַ חודש אורלויב. אין 1925 איז פאַרקלענערט געוואָרן די אַרבעטסצײַט פון די מאַשין־זעצער אויף איין שעה, באַזונדערס איז געפירט געוואָרן אַ קאַמף פאַר דער אויסשליסלעכער אַרבעט־פאַרמיטלונג פון פאַראיין.

גרויס אויפמערקזאַמקייט האָט דער פאַראיין געשענקט דער פראַגע פון איבערקוואַליפיקאַציע וואָס איז געוואָרן אַקטועל צוליב דער מעכאַניזירונג פון די דרוקערײַען. אַ דאַנק דעם פאַראיין זענען איבערקוואַליפיצירט געוואָרן די גיסער און סטערעאָטיפּירער און ס'זענען אויסגעלערנט געוואָרן נײַע מאַשין־זעצער.

דער פאַראיין האָט געלייגט אַכט אויף דער פאַרזאָרגונג פון די אַרבעטלאָזע. עס איז קלאָר אַז אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג איז אוממעגלעך צו לייזן די אַרבעטלאָזע פראַגע. ס'איז דעריבער געפירט געוואָרן אַן אַרבעט צו לינדערן די נויט פון די אַרבעטלאָזע. אין דער ערשטער ריי זענען טייל אַרבעטלאָזע איבערקוואַליפיצירט געוואָרן אין אַנדערע צווײַגן און ס'זענען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטערשטיצונגען אין געלט און אַרבעט. כדי צושאַפן אַרבעט האָט דער פאַראיין אײַנגעפירט אַ רעגלאַמענט וועלכער האָט גענוי פעסטגעשטעלט די אַרבעט־צעטיילונג פון יעדן אַרבעטער.

---

די דרוקער־אַרבעטער האָבן געהערט צו די וועלכע פלעגן אַלע מאָל זיך באַטייליקן אין די 1טע מײַ־דעמאָנסטראַציעס אָדער אין די אַלגעמיינע שטרײַקן. די ייִדישע צײַטונגען פלעגן דעמאָלט נישט דערשיינען. אין נאָוועמבער 1923 איז אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרײַק פון גאַנצן פּראָלעטאַריאַט אַלס פּראָטעסט קעגן דער מיליטאַריזאַציע פון די באַנאַרבעטער. דער שטרײַק האָט געדויערט דרײַ טעג. נאָכן שטרײַק איז אַרויס דער „הײַנט" מיט אַן אַרטיקל פול מיט שמוץ אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג. פאַרשטייט זיך אַז אַ דאַנק די דרוקער־אַרבעטער וועלכע האָבן געאַרבעט אין „הײַנט", האָט דער אַרטיקל נישט דערזען די ליכטיקע שײַן. אין סאַנאַטאָרישן פוילן זענען נישט איין מאָל געמאַכט געוואָרן פּרוּוון אַרויסצוגעבן שטרײַקברעכערישע צײַטונגען אין קאַמפּטאָג פון 1טן מײַ. די פּרוּוון אָבער האָבן זיך שטענדיק געענדיקט מיט אַ דורכפאַל און תמיד אַ דאַנק דער וואַכזאַמקייט פון די דרוקער־אַרבעטער און זייער אָרגאַניזאַציע.

באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט די דרוקער־אַרבעטער אין סאָלידאַריטעט־אַקציעס. צ"ב אין 1919 האָבן געשטרײַקט די רעדאַקציע־מיטאַרבעטער און אַדמיניסטראַציע־אָנגעשטעלטע פון „נאַש קוריער". זיי האָבן זיך געווענדט וועגן סאָלידאַריטעט־הילף צו די דרוקער. דער דרוקער־פאַראיין האָט פאַרווערט צו זעצן מאַנוסקריפּטן פון שטרײַקברעכער און אַ דאַנק דעם איז דער שטרײַק געוווּנען געוואָרן. אַזוי איז אויך אַ דאַנק דעם דרוקער־פאַראיין געבראָכן געוואָרן די אַקציע פון די „פּראַקעם" וועלכע האָבן באַאײַנפלוסט די צײַטונג־אַרויסגעבער, זיי זאָלן נישט געבן צו פאַרשפּרייטן קיין צײַטונגען צו מיטגלידער פון פּראָפ'קלאַסן־פאַראיין פון צײַטונג־פאַרשפּרייטער. ווען די בעלי־בתים פון „הײַנט", „מאָמענט", און „ראַדיאָ" האָבן זיך געלאָזט באַאײַנפלוסן פון די „פּראַקעם" און שיקאַנירט די צייטונג־פאַרשפּרייטער פון קלאַסן־פאַראיין, האָבן אַלס צייכן פון סאָלידאַריטעט פאַרשטרײַקט די דרוקער־אַרבעטער פון די אויבן דערמאָנטע צײַטונגען. פאַרשטייט זיך, אַז די בעלי־בתים האָבן זיך געמוזט צוריקציִען און צוריקשטעלן אין זייער רעכט די צײַטונג־פאַרשפּרייטער פון קלאַסן־פאַראיין.

---

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער טעטיקייט פון פאַראיין איז געווען די קולטור־אַרבעט. ביז 1920 איז קיין סיסטעמאַטישע אַרבעט נישט געפירט געוואָרן. ערשט אין 1920 איז דורך דער פאַרוואַלטונג באַשטימט געוואָרן די ערשטע קולטור־קאָמיסיע, וועלכע איז גלײַך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. ס'איז געשאַפן געוואָרן די פאַראיינס־ביבליאָטעק, וועלכע איז פון 300 ביכער אין 1920 אויסגעוואַקסן ביז צו 5000 און האָט געהערט צו די גרעסטע ייִדישע ביבליאָטעקן אין וואַרשע. די קולטור־קאָמיסיע האָט געזאַמלט מאַטעריאַלן און נײַ־דערשינענע אויסגאַבעס פאַרן ייִוואָ. ס'זענען אײַנגעאָרדנט געוואָרן אויספלוגן און באַזוכן אין גרויסע פאַבריקן, גאַזאָווניעס, עלעקטראָ־סטאַציעס, ווי אויך אין די פאָרשטעט און אין אַנדערע ווײַטערע שטעט. אין דרוקער־פאַראיין זענען פאַרשפּרייט געוואָרן הנחה־בילעטן און די מיטגלידער איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו באַזוכן סײַ ייִדישע, סײַ פּוילישע טעאַטערס. אַן אָנגעזעען אָרט אין פאַראיין האָט פאַרנומען דער בלאָז־אָרקעסטער וועלכער איז אויך שטאַרק באַליבט געווען אויף פאַרשידענע פּראָלעטאַרישע שימחות. די קולטור־קאָמיסיע איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אָנגעזעענע פּרעלעגענטן, לעקטאָרן און כמעט יעדע וואָך פלעגט פאָרקומען אַ פאָרטראַג. אין לייענזאַל פלעגט זיך געפינען די טעגלעכע, וועכנטלעכע און פּעריאָדישע פּרעסע, ווי אויך אויסגאַבעס פון אויסלאַנד. אין גרויסן פאַראיינזאַל פלעגט אויך פאָרקומען מייסטערשאַפט־שפּילן אין שאַך.

צו הייבן דעם געזונט־צושטאַנד פון די דרוקער־אַרבעטער פלעגן דורכגעפירט ווערן מעדיצינישע אונטערזוכונגען פון די מיטגלידער, כדי זיי אויסצוהיטן פון בלײַ־פאַרגיפטונג.

ס'מוז אונטערגעשטראָכן ווערן אַז נישט איין מאָל קומט אויס די דרוקער־אַרבעטער צו לײַדן רדיפות און שיקאַנעס מצד די פאַשיסטישע מאַכטאָרגאַנען, וועלכע זעען אפילו אין גאָר אומשולדיקע קולטור־אונטערנעמונגען „קראַמאָלע".

---

דער דרוקער־פאַראיין האָט אַרײַנגעשריבן אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער פאַרמלחמהדיקער אַרבעטער־באַוועגונג.

(אַרויסגענומען פונעם „פנקס פון ייִדישע דרוקער אין פוילן", דערשינען אין פאַרלאַג „דאָס נײַע לעבן" וואַרשע 1949).

**בעריש דאָמב** (בוענאָס אײַרעס)

# ייִדישער מעטאַל־אַרבעטער פאַראיין אין וואַרשע

## זכרונות

פאַקטיש זענען ייִדן כמעט נישט געווען פאַרטראָטן אין דער שווער־אינדוסטריע פון מעטאַל, אָבער אַ סך צווײַגן פון דער לײַכטער מעטאַל־אינדוסטריע זענען געווען באַשעפטיקט טויזנטער ייִדישע מענער און פרויען; ווי למשל בײַ גאָלדשמידערײַ, נאָסע און טרוקענע בראָנזאָווניקעס, בעטן, קנעפּ און זייגער־מאַכערײַ.

דער מעטאַל־אַרבעטער־פאַראיין האָט, ווי דאָס רוב אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אינעם צאַרישן רוסלאַנד, עקסיסטירט אומלעגאַל. איך געדענק אַז אין יאָר 1912 איז די בירזשע געווען אויף דזשיקע 27, און שפּעטער אויף נאַווינאַרסקע צווישן שוויענטאָ־יורסקע ווו די מעטאַל־אַרבעטער פלעגן זיך צונויפקומען יעדן שבת נאָך מיטאָג און שפּאַצירנדיק אַהין און צוריק פלעגט מען באַהאַנדלען די אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגעס פון דעם פאַך. אין די ייִדישע וואַרשטאַטן און פאַבריקן האָט מען דעמאָלט געאַרבעט 12 און 14 שעה אין טאָג, לערנייִנגלעך זענען געווען אָנגעדונגען מיט עסן און שלאָפן אויף דרײַ יאָר, און פלעגן צוהעלפן די בעל־הביתטעס אין דער שטוביקער ווירטשאַפט און אפילו בײַם ניאַנטשען די קינדער. אין יענער צײַט איז געווען באַרימט אין וואַרשע שוואַרצשטיינס פאַבריק פון זייגערס. דער בעל־הבית האָט אין פאַבריק אײַנגעאָרדנט אַן אייגענעם מנין, ווו די אַרבעטער פלעגן אין דער אַרבעטצײַט דאַווענען מינחה און מעריב. ספּעציעל האָט די פאַבריק געשמט צווישן די וואַרשעווער ישיבה־בחורים דערמיט וואָס, ווער עס האָט געקאָנט צען בלאַט גמרא אויף אויסנווייניק האָט באַקומען אַ מתנה אַ זייגער.

בײַ אַזעלכע באַדינגונגען איז אין 1913 אָרגאַניזירט געוואָרן דער ערשטער שטרײַק צווישן די ייִדישע מעטאַל־אַרבעטער. די פאָדערונגען זענען געווען אַ לוין־הוספה, 10 שעהדיקער אַרבעטסטאָג, איין שעה אויף מיטאָג־עסן און אָנערקענען דעם פּראָפעסיאָנעלן אַרבעטער־פאַראיין. די אַלע פאָדערונגען זענען נאָכגעגעבן געוואָרן אין דעם גרעסטן טייל פאַבריקן.

מיטן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914 האָט דער ייִדישער מעטאַל־אַרבעטער־פאַראיין פאַקטיש אויפגעהערט צו עקסיסטירן. ערשט מיטן אָקופּירן וואַרשע דורכן דײַטשן מיליטער סוף 1915 איז בײַ לייבוש טוכמאַכער — אַ קנעפּ־אַרבעטער — אין שטוב אויף פּאַוויע 48 פאָרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פונעם לעגאַלן מעטאַל־אַרבעטער־פאַראיין.

בײַ די נײַע באַדינגונגען האָבן אויפגעלעבט פאַרשידענע פאַכן אין דער ייִדישער מעטאַל־בראַנזשע, ווי צב״ש די קנעפּ סעקציע, וועלכע האָט געאַרבעט פאָדראַד פאַר דער רעגירונג און באַשעפטיקט בײַ די 200 אַרבעטערינס, די מעכאַניקער פון פּאָליאַקעוויטשעס פּאַפּיראָסן־פאַבריק, די בעטנמאַכערס פון אַראַנאָוויטשעס פאַבריק (סמאָטשע־גאַס), ווו ס'האָבן געאַרבעט אַ גרויסע צאָל ייִדישע און פּוילישע אַרבעטער. די אַלע אַרבעטער זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין פאַראיין וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף דזשעלנע 20. צווישן די ערשטע פירערס פונעם מעטאַל־פאַראיין נאָך פון די צאַרישע צײַטן דאַרפן דערמאָנט ווערן די חברים דוויד אַ נאָסער בראָנזאָווניק וועלכער איז אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געשוואָלן געוואָרן און געשטאָרבן פון הונגער, לייבוש טוכמאַכער, ערשטער פאָרזיצער פונעם לעגאַלן פאַראיין, הענעך פּאַרביאַזש אַ נאָסער בראָנזאָווניק, ערשטער סעקרעטאַר.

ס'דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַרן קאַמפּסגײַסט פון יענער צײַט. ס'איז געווען באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען טויזנטער דעמאָביליזירטע אַרבעטער זענען אַהיים געקומען פון די פראָנטן און געטראָפן פאַרמאַכט די פאַבריקן. די בעלי־בתים האָבן זיך גענומען צו לייכטע שפּעקולאַציע־מיסחרים, פון וואָס זיי זענען שנעל רײַך געוואָרן און נישט געוואָלט הערן אפילו וועגן לאָזן אין גאַנג זייערע פאַבריקן. די אַרבעטסלאָזיקייט און ממילא דער הונגער האָבן זיך שטאַרק געפילט צווישן די אַרבעטערשאַפט. דער דעמאָלטיקער פּפּ״סישער פּרעמיער־מיניסטער מאָראַטשעווסקי האָט זיך געמאַכט נישט־באַמערקן די אַקציע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צו פאָדערן אַנטשעדיקונג בײַ די בעלי־בתים פון די פאַרמאַכטע פאַבריקן. אַ ייִדישער אייגנטימער פון אַ פאַבריק פון מעטאַלענע קנעפּ, אָרענדאַזש, אויף דזשעלנע 33, האָט נישט געוואָלט הערן אפילו וועגן אויסצאָלן אַנטשעדיקונג זײַנע געוועזענע אַרבעטער. אַזוי ווי די פאַראיינען האָבן נישט געהאַט קיין יורידישע מעגלעכקייטן צו צווינגען דעם פאַבריקאַנט, ער זאָל נאָכגעבן די אַרבעטער פאָדערונגען, האָבן אַ טייל אַרבעטער פון דער פאַבריק צוזאַמען מיט די חברים סענדער מאַלאַזש, הערשעלע אַנאַרכיסט און בעריש מעטאַלאָוויעץ (דאָמב) באַשלאָסן צו נעמען דעם פאַל אויף אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר זענען אַוועק אינעם געשעפט פון הער אָרענדאַזש אויף נאַלעווקעס 2 (סימאָנס פּאַסאַזש) פאַרנומען סטראַטעגישע פּאָזיציעס און מיט געווער (מיר האָבן געהאַט אויך הייסגעווער) געפאָדערט צו דערלייִדיקן דעם ענין. נישט טרעפנדיק דעם בעל־הבית, האָבן מיר געפאָדערט בײַם געשעפטס־פאַרוואַלטער, ער זאָל אונדז איבערגעבן די שליסלען פון דער קאַסע. דער פאַרוואַלטער, אַ ייִד מיט אַ שיינער באָרד, האָט גלײַך געוואָלט טעלעפאָנירן נאָך פּאָליציי, אָבער דער טעלעפאָן איז שוין געווען פאַרנומען פון אונדזערע מענטשן. בלית ברירה האָט דער פאַרוואַלטער זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן, אַז ער האָט געגעבן תקיעת־כּף דעם בעל־הבית, קיינעם נישט צו געבן די שליסלען פון דער קאַסע. נאָך אַ קורצע באַראַטונג צווישן זיך האָבן מיר באַשלאָסן צו רעספּעקטירן דעם ייִדס תקיעת־כּף, נאָר אים צוזאַמען מיט די שליסלען מיטנעמען אין פאַראיין אַרײַן. אין אַ האַלבער שעה אַרום איז דער הער אָרענדאַזש געקומען אין פאַראיין, און נאָך לאַנגע דינגענישן האָט ער אויסגעצאָלט זײַנע אַרבעטער די געפאָדערטע אַנטשעדיקונג.

דער ייִדישער מעטאַל־אַרבעטער־פאַראיין, וועלכער האָט שוין געהאַט זײַן פּרעכטיקן לאָקאַל אויף נאַלעווקעס 34, האָט אויך געפירט אַ שיינע קולטור־אַרבעט. יעדן פרײַטיק בײַ נאַכט אָדער שבת נאָך מיטאָג פלעגן פאָרקומען רעפעראַטן אָדער מאַסאָווקעס וועגן פּאָליטישע אַקטועלע פראַגעס. אונדזער פאַראיין וואָס איז געווען אונטער דער בונדישער השפּעה, האָט געהאַט אויף זײַן חשבון דעם פאַרדינסט, וואָס צווישן זײַנע פירערס האָבן זיך געפונען אַזעלכע ערלעכע סאָציאַליסטן ווי דער לאַנגיאָריקער פאָרזיצער לייבל בלאַנק, אַן אַרבעטער פון זילבערנע בײַטלען, אַ סימפּאַטיזירער פון בונד, דער שטאַרק־אַקטיווער בעטן־אַרבעטער לערנער, אַ בונדיסט, הערשל מעטאַלאָוויעץ, אַ בונדישער מאַסנפירער, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל אַרבעטער־טאָלעראַנץ, אַז זיי האָבן געבראַכט די בונדישע אַליינהערשאַפט־טראַדיציע און געגעבן די „רויטע" פראַקציע רעכט, ד״ה רעכט אויף קאָרעספּערענטן און רעכט צו האָבן זייערע פאַר־

זאַמלונגען אין פאַראיינס־לאָקאַל. אַ קענטיקע פּאָליטישע אויפלעבונג צווישן די מיטגלידער פון מעטאַל פאַראיין איז אויפגעקומען אין די יאָרן 1920—1921, בעת דער דיסקוסיע אין בונד וועגן די 21 אויפנעם־באַדינגונגען פון קאָמאינטערן. אין יענער צײַט איז פון כעלעם געקומען אַרטור זיגלבוים, אַ סימפּאַטיזירער פון דער לינקער ריכטונג אין בונד, וועלכער איז געוואָרן אָנפירענדיקער פּראָפעסיאָנאַל אין מעטאַל־פאַראיין. ביז ער האָט זיך אַרײַנגעפּאַסט אין דער בונדישער ביוראָקראַטישער מאַשין, האָט ער פיל מיטגעהאָלפן פּאָליטיש און אָרגאַניזאַציאָנעל צו דערהייבן אונדזער פאַראיין. בעתן אַנטשטיין פונעם קאָמבונד אין 1921 האָט דער בונד אַנפאַרטרויט דעם זעלבן אַרטור זיגלבוים די אויפגאַבע צו ליקווידירן די פּאָליטישע טאָלעראַנץ. דער קאָמבונד צוזאַמען מיט די „רויטע" זענען פאַקטיש געווען אַ מערהייט און דער רירעוודיקסטער אַקטיוו אין פאַראיין, נאָר אַ דאַנק דעם ברוטאַלן טעראָר איז דעם בונד געלונגען אײַנצוהאַלטן דעם סטעמפּל מיטן לאָקאַל פונעם מעטאַל־אַרבעטער־פאַראיין. בעת די פאַראיינס־וואַלן אין 1923 איז טראָץ אַלע שיקאַנעס אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג פון 6 בונדאָווצעס און 5 „רויטע".

אין די דעמאָלטיקע יאָרן, ווען די רעאַקציע אין פּוילן האָט אָנגעהויבן איר אָפן־פאַשיסטישן אָנגריף, די תפיסות זענען געוואָרן איבערגעפּולט מיט פּאָליטישע אַרעסטירטע, ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־עמיגראַציע וועלכע האָט מיטגעריסן אַ סך פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיין־טוערס וואָס דאָס אַלץ האָט מיטגעשטײַערט אָפּצושוואַכן דעם רעוואָלוציאָנערן ווידערשטאַנד קעגן דער אָפּאָרטוניסטישער אָפענסיווע אין די ייִדישע אַרבעטער פאַראיינען, איז געלונגען דעם בונד צו אײַנצוהאַלטן די פירערשאַפט אינעם ייִדישן מעטאַל־אַרבעטער־פאַראיין.



אין אַ ייִדישן געגנט, וואַלן

י. לעדערמאַן (ריאָ דע זשאַנעירא, בראַזיל)

# דער 1טער האַנטווערקער - צוזאַמענפאָר אין וואַרשע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

דאָס אַרטיקל וואָס איך שרײַב דאָ איז נישט קיין געשיכטע. איך ווייס אויך נישט אויף וויפל דאָס קאָן זײַן אינטערעסאַנט פאַרן לייענער, אָבער דער עצם פאַקט פון נישט לאָזן פאַרגעסן ווערן אַלץ וואָס האָט אַ שײַכות מיט אונדזער פאַרגאַנגענהייט, פאַרפליכטעט אויך צו דערמאָנען דעם שיכט פון דער וואַרשעווער יידישער באַפעלקערונג וואָס האָט געלעבט, געקעמפט, געשאַפן, מיטגעמאַכט אַלע פריידן און ליידן פון יידישן לעבן און איז מער נישטאָ. אַ שטורעמדיקער ווינט האָט אַלץ מיטן וואָרצל אַרויסגעריסן, די מענטשלעכע פאַנטאַזיע רײַסט זיך פון די ענגע גרענעצן און עס ווילט זיך דערמאָנען זאַכן, בילדער פון די יאָרן וואָס זענען שוין ווײַט, ווײַט אַוועק. די טאָגזאָרגן און די לעבנסלאַסטן דערדריקן און דערשטיקן אין מענטשן זכרונות, וועלכע זענען פאַרבאַהאַלטן, פאַרחתמעט אויף 7 שלעסער און עס איז אָפט מאָל שווער, אינעם אַלגעמיינעם גערודער און געטומל פון לעבן צו שילדערן דאָס וואָס עס איז געווען. דאָס ברענגט טרויעריקע געדאַנקען וואָס לאָזן נישט רוען און פאָדערן פון יעדן ייִד, ווו ער זאָל זיך נישט געפינען, צו דערמאָנען דאָס וואָס איז אַוועק זאָל עס בלײַבן לזכר לדורות...

דערפאַר האַלט איך פאַר מײַן חוב, ווי ווײַט מײַן זכרון וועט מיר דערלויבן, אויפצולעבן אַ בינטל זכרונות פונעם אַמאָליקן יידישן האַנטווערקער־לעבן אין פוילן, וואָס האָט אַרײַנגעשריבן אַ שיין קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידן אין פוילן.

איך פּרעטענדיר נישט אַרויסצוברענגען אין דעם אַרטיקל אַלץ וואָס עס איז געשען און געשאַפן געוואָרן אין די יאָרן וואָס איך האָב געלעבט און בין געווען טעטיק אין פוילן. עס איז אַ גאַנץ ווײַטער מהלך פון יאָרן, נאָר ווי איינער וואָס האָט אַליין מיטגעלעבט, מיטגעמאַכט אַלע פּאָליטישע קאַמפן, אַלע פּאַסירונגען און געשעענישן אין דעמאָלטיקן פּויליש־יידישן לעבן, וועל איך נאָר איבערגעבן אין „פנקס וואַרשע" די אַלע פּאַסירונגען פון מײַנע פּערזענלעכע איבערלעבענישן ווי זיי האָבן זיך אויפגעהיט און פאַרבליבן אין מײַן זכרון פון יענער צײַט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס'איז פאָרגעקומען דער ערשטער האַנטווערקער־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע.

איצט וועל איך פּרוּוון אַ בלעטער טאָן פון די פאַרגאַנגענע יאָרן דאָס לעבן פון יידישן בעל־מלאכה. פאַר דער 1טער וועלט־מלחמה האָט דער יידישער קליינער האַנטווערקער, אָדער בעל־מלאכה געבילדעט אַ פאַרלאָזטע מאַסע; דאָס אָרעמקייט איז געווען גרויס, נישט געווען קיין שום אָרגאַניזאַציע, בפרט אין די קלענערע שטעטלעך. זייער אָרגאַניזאַציע איז געווען דאָס בית־המדרש. צווישן מנחה און מעריב האָט איינער דעם צווייטן חבריש דערציילט זײַן אָרעמקייט, ליידן און אויך פריידן, זיי האָבן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן נישט אָנטייל גענומען, צו די הויכע פענצטער קיין דריסת־הרגל נישט געהאַט. דער יידישער בעל־מלאכה איז שטענדיק געווען אַ ווערקצײַג אין די הענט פון שיינע יידן תקיפים און רעליגיעזן קלער, וועלכע האָבן געקוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ. אַזוי איז געווען ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די וועלט־מלחמה, די רעוואָלוציע, דער בירגערקריג, האָבן זיך אַרײַנגעשניטן אינעם יידישן אָרגאַניזם, צעשניטן און צעטיילט לענדער און מלוכות. אַזוי איז אויך געקומען צו אַן ענדערונג אינעם יידישן לעבן אין דעם נײַעם פּוילן.

עס האָבן זיך גענומען אויסקריסטאַליזירן ריכטונגען, אידעיִשע שטרעמונגען, פּאָליטישע פּאַרטייען; די יידישע יוגנט איז אַרויס אויפן אייבערפלאַך אין אַ ברייטן פאַרנעם, געגרינדעט קלובן, ביבליאָטעקן, ספּאָרטפאַראיינען. דאָס לעבן האָט אָן אויפהער געשטורעמט, און די יידישע גאַס האָט אויפגעברויזט. דער עלטערער דור, דער יידישער בעל־מלאכה, דער פּשוטער גלייביקער ייִד, וואָס איז געווען דער רוב בנין ומנין פון יידישן כלל, נאָר צוליב זײַן אָרעמקייט און דערשלאָגנקייט האָט ער געבלאָנדזשעט אין עולם התוהו, ווײַט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז אַ דאַנק דער יוגנט אויך אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דעם קאָך און אימפּעט פון די געשעענישן. דער געזונטער חוש פון פאָלקסייִד האָט אויפגעכאַפּט דעם אויפברויז און אויסגעשריי פון דעם אָרעם און האָט אויך גענומען פאָדערן פאַר זיך אַ פּלאַץ בײַם פּאָליטישן געזעלשאַפטלעכן קאַמף, און איז מיט אַ פאַראייניקטן כוח אויפגעשטאַנען תחית־המתים צום נײַעם לעבן. דער אויפקום פון אַן אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה האָט געגעבן האָפענונגען פאַר נײַע פּערספּעקטיוון, ווײַל די גאַנצעווירטשאַפט איז צוליב די מלחמה־יאָרן געווען כמעט אין גאַנצן דעזאָרגאַניזירט. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ שטאַרקע און פעסטע אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל אוועקשטעלן דעם יידישן קליינעם בעל־מלאכה און האַנטווערקער אויף זײַן פּאָזיציע. אין דער צײַט איז אויפגעקומען די צענטראַלע פון יידישן האַנטווערקער אין וואַרשע, אויף נאַלעווקעס 2. כאָטש זי איז געווען אונטער דער השפּעה פון דער דעמאָלט אָרגאַניזירטער פאָלקספּאַרטיי, — די וואָרטזאָגערין אויף דער יידישער גאַס, די פאַרטיידיקערין פון יידישן קליינבירגערטום, קליינע בעל־מלאכות, האַנטווערקער און קליינהענדלער — האָט אָבער די צענטראַלע פּראָקלאַמירט אירע אייגענע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פּאָסטולאַטן, אויסגעפאָרמירט די צענטראַלע און לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס, געשאַפן אייגענע פּרעסע־אָרגאַנען, גענומען פירן אַ שטאַרקן קאַמף פאַר פאַרפעסטיקן און אויסברייטערן די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס פונעם יידישן האַנטווערקער און קליינהענדלער.

דער צענטראַלער האַנטווערקער־פאַרבאַנד האָט גענומען פירן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דעם יידישן האַנטווערקערטום און געהאָלפן אָרגאַניזירן אין אַלע שטעט און שטעטלעך האַנטווערקער־פאַראיינען. די אויפגאַבע פון די נײַגעשאַפענע האַנטווערקער־פאַראיינען איז געווען צו זיכערן די עקסיסטענץ פון יידישן בעל־מלאכה אויף אַלע געביטן. דאָס פאַרנעמען זיך מיטן יידישן בעל־מלאכה און האַנטווערקער האָט זיי געמאַכט פיל טעמפּעראַמענטפולער, רייפער. דער האַנטווערקער איז געוואָלדיק אויסגעוואַקסן פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך, געוואָרן שטאַרקער, באַוווּסזיניקער.

די ציוניסטן האָבן זיך שטאַרק באַמיט צוצוציִען דורך פאַרשידענע פּראָפּאַגאַנדע־מיטלען די האַנטווערקערס אויף זייער זײַט,

אָבער דאָס איז זיי קיין מאָל נישט געלונגען! אַ דאַנק דעם אויסגעוואַקסענעם פּאָליטישן באַוווסטזיַין פון די ברייטע ייִדישע מאַסן — האָט דער ייִדישער האַנטווערקער גענומען פירן אַן אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן די אַלטע כלל־ישראל פאַרזאָרגער, וועלכע האָבן אייביקע יאָרן גערעדט און געשאַפן אין זיַין נאָמען; ער האָט מיט אייגענע אָרגאַניזירטער כוחות גענומען פאַרפעסטיקן זיַינע ווירטשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּאָזיציעס.

אין יענער ציַיט איז ריַיף געוואָרן דער געדאַנק צו רופן דעם ערשטן האַנטווערקער־צוזאַמענפאָר. אין וואַרשע האָבן עקסיסטירט 2 האַנטווערקער־צענטראַלעס, איינע איז געווען אַ ציוניסטישע, אַ האַלב־אַסימילירטע נאָך פון פאַר דער מלחמה, וואָס האָט פאַרטראָטן די פאַבריקאַנטן און גרויסע האַנטווערקערס. די דאָזיקע צענטראַלע האָט קיין שום השפעה נישט געהאַט אויף דער גרויסער מאַסע האַנטווערקערס אין וואַרשע גופא, און אויך נישט אויף דער פּראָווינץ. זי האָט געהאַט אייניקע אָפּטיילונגען אין גרעסערע שטעט, ווי לאָדזש, ווילנע און ביאַליסטאָק. די צווייטע צענטראַלע, דער האַנטווערקער־פאַרבאַנד פון נאַלעווקעס 2, וועלכער איז אויפגעקומען נאָך דער מלחמה, האָט שוין אַרומגענומען צענדליקער פאַראיינען פון וואַרשע און אומגעגנט, ווי פליישער, שוסטער, שניַידער, שמוקלער און בעקער, וואָס האָבן געציילט אין די טויזנטער מיטגלידער און אויך האַנטווערקער־אָפּטיילונגען אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך. די אַנטשלאָסנקייט פון די מאַסן מיטגלידער האָט גורם געווען דערצו, אַז די צענטראַלע זאָל זיך שטעלן אין קאַמף צו פאַרטיידיקן זייער רעכט צום לעבן. די שווערע ווירטשאַפטלעכע לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן פון דער ניַיער הערשנדיקער אָרדענונג, וועלכע האָט באַלד ביַי איר אָנהייב גענומען פירן אַ קאַמף קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג הן אויפן עקאָנאָמישן און הן אויפן קולטורעלן געביט, האָט באַזונדער שווער זיך געלייגט אויפן ייִדישן האַנטווערקער, ווען מען האָט נישט צוגעלאָזט צום צעכן־פאַראיין און נישט געגעבן קיין רעגירונג־אונטערשטיצונג, ווי רוישטאָפן צו דער אַרבעט און קרעדיטן צו קאָנען אויפבויען די וואַרשטאַטן, וואָס זענען אין דער מלחמה־ציַיט צעשטערט געוואָרן.

די אַלע מאָטיוון האָבן געשטויסן צו פאַררופן תיכף דעם 1טן האַנטווערקער־צוזאַמענפאָר אין פּוילן, מיט דער וויַיטערדיקער טאָג־אָרדענונג:

1) צוריק אויפבויען די חרוב געוואָרענע ייִדישע פאַבריקן און פאַרשטאַטן;

2) אָרגאַניזאַציע פון ביליקן קרעדיט;

3) קעגנזיַיטיקע פאַרזיכערונג;

4) קאָנסום־פאַראיין;

5) פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוועס פאַר רוישטאָפן;

6) זאָרג פאַר פאָלקסגעזונט און ייִדישע סטאַטיסטיק;

7) אָרגאַניזאַציע;

8) אָרגאַניזירן ייִדישע צעכן־פאַראיינען.

דאָס זענען געווען די הויפּט־פאָדערונגען צו באַהאַנדלען אויפן צוזאַמענפאָר און זיי האָבן געגעבן אַ שטויס פאָרויס דעם ייִדישן האַנטווערקער פון גאַנץ פּוילן, ער זאָל זיך גרייטן צום צוזאַמענפאָר. די צענטראַלעס האָבן געשיקט שליחים איבער גאַנץ פּוילן צו אָרגאַניזירן האַנטווערקער־פאַראיינען, ווו אַזעלכע האָבן נאָך נישט עקסיסטירט. די בירגערלעכע פּאַרטייען, די פאָלקספּאַרטיי און די ציוניסטישע זענען געווען פאַראינטערעסירט צו באַקומען אַ גרעסערע צאָל דעלעגאַטן, בכדי צו קאָנען דאָמינירן דעם צוזאַמענפאָר. אויך אין מיַין שטאָט קאָזשעניץ (ראַדאָמער קריַיז) וואָס האָט געהאַט צוליב אירע אויסגעאַרבעטע לײַוונטענע שיך, אַ שם איבער גאַנץ פּוילן׳ווי דאָס שוסטערשטעטל, וויַיל בעת מען איז געגאַנגען איבער די גאַסן פון שטעטל האָט פון יעדער שטוב אַרויסגעזונגען אברהם רייזנס ליד „העמערל, העמערל קלאַפּ” (כמעט די גאַנצע שטאָט האָט געלעבט פון דעם פאַך), איז געקומען חיים ראַסנער, דער פאָרזיצער פון האַנטווערקער־פאַרבאַנד, אָרגאַניזירן דעם האַנטווערקער־פאַראיין און אונדז צוגרייטן צום צוזאַמענפאָר.

אין יענער ציַיט האָט שוין עקסיסטירט ביַי אונדז אַ פאָלקספּאַרטיי, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן פון אַ גרופּע האַנטווערקער־יוגנט און עלטערע האַנטווערקערס. די אָרגאַניזאַציע האָט פאַקטיש פאַרנומען, ביז מיַין אַוועקפאָרן פון פּוילן אין 1927, דעם אויבנאָן פון דער גאַנצער קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין שטאָט. פאַרשטייט זיך אַז מיר זענען געווען פאַראינטערעסירט אַז אויף דעם צוזאַמענפאָר זאָלן פאָרן דעלעגאַטן פאָלקיסטן. איך האָב געהאַט די זכיה צו זיַין איינער פון די דעלעגאַטן צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען צוויי עלטערע האַנטווערקערס, אַ שוסטער און אַ שניַידער. מיך — דעם ייִנגסטן דעלעגאַט — האָבן זיי באַשטימט פאַרן ראש־המדברים. קומענדיק קיין וואַרשע אויפן צוזאַמענפאָר וועלכער איז פאָרגעקומען אין האַנטווערקער־פאַרבאַנד נאַלעווקעס נומער 2, זענען מיר באַגיַיסטערט געוואָרן פון דער גרויסער צאָל דעלעגאַטן, כמעט פון גאַנץ פּוילן. אויב איך האָב נישט קיין טעות, זענען געווען איבער 1200 דעלעגאַטן. מיר האָבן דערזען פאַר זיך אַ גרויסע מאַסע פאַרהאָרעוועטע פאָלקסייִדן, וועלכע זענען געקומען אָרגאַניזירט. אויף צו להכעיס די וואָס ווילן דעם האַנטווערקער אָפּשוועכן, אַז ער זאָל מוזן פאַרמאַכן זיין וואַרשטאַט אָדער פאַבריקל, ליגט אויף אים אַ חוב אָנצוהייבן באַפעסטיקן און פאַרשטאַרקן געאייניקט זיַינע פּאָזיציעס. דער ייִדישער האַנטווערקער האָט דערפילט די אחריות, אַז ער מוז און דאַרף זיַין געבונדן מיטן אַרומיקן לעבן, דאַרף אַריַינדרינגען אין די טיפענישן פון דעם ייִדישן לעבן, אין אַלע זיַינע ליידן און פריידן, אין זיַין חורבן און אויפבוי, אויסקעמפן אַן אָרט פאַר זיַינע עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּאָזיציעס. דערפאַר איז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון יעדן דעלעגאַט געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז גאָר נישט אָפּצושאַצן.

צום באַדויערן האָבן די ריַיכערע, ציוניסטישע און אַסימילירטע האַנטווערקערס, דערשפּירנדיק אַז זייער השפּעה אויפן צוזאַמענפאָר איז אַ קליינע, גענומען זוכן מיטלען אַז דער צוזאַמענפאָר זאָל אויפגעריסן ווערן. דאָס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן ביַים עפענען דעם צוזאַמענפאָר. אויף פאָרזיצער זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן 2 קאַנדידאַטן: נח פּרילוצקי און יצחק גרינבוים. צוויי טעג איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף צווישן ביידע פּאַרטייען. זייער קעמפעריש איז געווען די פאָלקיסטישע גרופּע און געזיגט האָט די קאַנדידאַטור פון נח פּרילוצקי. די ציוניסטישע גרופּע, דערזעענדיק די גרויסע באַגייסטערונג וואָס עס האָט אַרויסגערופן ביַי די דעלעגאַטן דער פאָרזיצער, ווי אויך דאָס פּראָקלאַמירן דעם ניַי־אויסגעוויילטן צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען פון אַ פאָלקיסטישער מערהייט, האָט גענומען זוכן הינטערוועגן כדי צו צעברעכן די צענטראַלע, דורך צונעמען די גרויסע הילף וואָס דער „דזשאָינט” האָט אין יענער ציַיט געגעבן דעם האַנטווערקער־פאַרבאַנד. אָבער די שטאַרקע פּראָטעסטן פון דער גרויסער צאָל האַנטווערקער־פאַראיינען האָבן אָפּגעשראָקן די ציוניסטן, און דער צענטראַלער האַנטווערקער־פאַרבאַנד פון נאַלעווקעס 2 איז פאַקטיש געוואָרן דער וואָרטזאָגער פון ייִדישן האַנטווערקער פון גאַנץ פּוילן. די פּראָווינץ האָט אויסגעפירט אַלע באַשלוסן וואָס זענען געקומען פון דער צענטראַלע.

דער צענטראַלער האַנטווערקער־פאַרבאַנד האָט באַקומען דעם הורטאיינקויף פון רוישטאָפן, געשאַפן קאָאָפּעראַטיוון אויף פונאַנדערצוטיילן די רוישטאָפן אין אַלע זיַינע אָפּטיילונגען, אָרגאַניזירט לײַיקאַסעס אויף דער פּראָווינץ מיט אַ האַנטווערקער־באַנק אין וואַרשע, וואָס האָט געשטיצט די לײַיקאַסעס. דער „דזשאָינט” איז געקומען צו הילף דער האַנטווערקער־באַנק אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון נח פּרילוצקי, וואָס איז געווען אין אַמעריקע באַלד נאָך דער מלחמה. די לײַיקאַסעס זענען מיט דער ציַיט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בענק, וועלכע האָבן באַדינט און געהאָלפן טויזנטער האַנטווערקערס פעסט אַוועקצושטעלן זייערע פאַבריקלעך און וואַרשטאַטן.

דער האַנטווערקער־פאַרבאַנד האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ וואָכנבלאַט מיטן נאָמען „האַנטווערקער” וואָס האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע האַנטווערקער־לעבן און זיַין אָרגאַניזאַציע.

ביַי די 2טע סיימוואַלן איז דער האַנטווערקער־פאַרבאַנד געגאַנגען געאייניקט מיט אַ ליסטע פון דער פאָלקספּאַרטיי און חיים ראַסנער, דער פאָרזיצער פון האַנטווערקער־פאַרבאַנד, איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס סיים־דעפּוטאַט. אַזוי האָט דער ייִדישער האַנטווערקער און קליינער בעל־מלאכה מיט אייגענע אָרגאַניזירטע כוחות פאַרפעסטיקט זיַינע ווירטשאַפטלעכע, געזעלשאַפטלעכע און

קולטורעלע פּאָזיציעס. ער האָט ברייט צעשפּרייט זײַנע פליגל און אַליין געזוכט צו לייזן זײַנע אַנגעווייטיקטע פּראָבלעמען, וואָס זענען דאַן אַנטשטאַנען מיט זייער גאַנצער שאַרפקייט און פאַרנעם. דאָס האָט זיך באַזונדער געמערקט בעת די וואַלאַקציעס צום סיים, שטאָטראַט און קהילות וואַלן. צוליב די גזירות גראַבסקי, וואָס האָבן געבושעוועט אויף דער יידישער גאַס און האָבן וואָס א טאָג שווערער געמאַכט דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן אין פּוילן, איז די עמיגראַציע פון יידישן קליינבירגערטום שטאַרק אויסגעוואַקסן.

אָבער ביז 1927 בין איך געשטאַנען בײַ דער אַרבעט אין די רייען פון יידישן קליינבירגערטום, האַנטווערקער און קליינהענדלער און אַלס פאָלקיסט צוזאַמען מיט זיי געשאַפן, געבויט דאָס קולטור־לעבן, מיטגעקעמפט אין אַלע זייערע אונטערנעמונגען, קולטורעלע, עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע. ס'זענען שוין אַוועק יאָרן און יאָרן פון יענער צײַט, ס'איז געקומען דער ווילדער מלחמה־גרויל, די וועלט־משוגעת פון נאַצי־פאַשיזם, די אוממענטשלעכע ליידן און פּײַן פון די אומשולדיקע מיליאָנען יידישע לעבנס וואָס זענען געוואָרן קרבנות פון דעם אומזיניקן פאַשיסטישן שפּיל. קיין פאַרענטפערונג וועט דעם פלעק נישט אָפּרייניקן, ביז דער גאַנצער פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם און אַלע מלחמה־צינדער וועלן פאַרניכטעט ווערן! זאָל דאָס געשריבענע בלײַבן לזכרון לדורות, ווי א מצבה פאַר די טײַערע, האָרעפּאַשנע פאָלקסיידן, וועלכע האָבן אַזוי שיין געלעבט, געקעמפט און געשאַפן יידיש לעבן, ביז א בייזער שטורעמווינט האָט אַלץ מיט דעם וואָרצל אַרויסגעריסן. איך וועל פאַרענדיקן מיט די ווערטער:

„חבל על דאבדין ולא משתכחין...”

ערב ראש השנה ה"תשי"ג, סעפּטעמבער 1953.



יונתן גרינבוים (ישראל)

# מײַנע זכרונות וועגן דער וואַרשעווער ייִדישער יוגנט

אין זכרון האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אַ סילוועסטער־נאַכט אין דער וווינונג פון די ראָזענוואַלדס אין וואַרשע. זייערע קינדער שוין דערוואַקסענע, אַ ברודער און אַ שוועסטער — ער אַ שילער פון 7טן קלאַס, זי פון 5טן — האָבן באַקומען אַ דערלויבעניש פון די עלטערן אײַנצואָרדענען אַ סילוועסטער־אָוונט אין דער היים. די עלטערן אַליין זענען אַוועק זיך ווײַלן און האָבן געזאָלט ערשט צוריקקומען פאַר טאָג.

ס'האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע צענדליק ייִנגלעך און מיידלעך וואָס האָבן זיך אויסגעזעצט אין עסצימער, טייל אויף בענקלעך און די איבעריקע פשוט אויפן פאָל. אַ מאָדנע פאַרווײַלונג איז דאָס געווען אָן מוזיק און אָן טענץ! איינער פון די פאַרזאַמלטע האָט גערעדט און אַלע האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט. דאָס איז געווען די ערשטע אַלגעמיינע קאָנפערענץ פונעם „פאַרבאַנד פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט פון די וואַרשעווער מיטלשולן". דער פאַרקירצטער נאָמען איז געווען „זמ"ס" (זוויאָנזעק מלאָדזשעזשי סאָציאַליסטיטשנעי)".

דער זמ"ס איז אַנטשטאַנען אויף וויפיל איך געדענק אין יאָר 1926. ס'האָבן אים געגרינדעט אַוועקגעגאַנגענע פון השומר הצעיר אין יאָר 1925, ווען ס'איז דאָרט פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג און עטלעכע הונדערט מיטגלידער האָבן פאַרלאָזט די אָרגאַניזאַציע. די מערהייט פון זיי זענען אַוועק צו די קאָמוניסטן און בלויז קליינע גרופּעס זענען אַריבער צו די לינקע פועלי ציון און אפילו צו די אַנאַרכיסטן.

דער השומר הצעיר האָט אָנגעהויבן ווערן טעטיק אין קאָנגרעס־פּוילן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס איז געווען אַן „אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע" יוגנטלעכע סקויט־אָרגאַניזאַציע מיט אַ שטאַרק פאַרנעפּלטער אידעאָלאָגיע. איז בײַ דער יוגנט געווען דער אויסדרוק פון בונטאַרישקייט קעגן דער ייִדישער ווירקלעכקייט. דער וואַרשעווער השומר הצעיר האָט געהאַלטן אַז ער איז אַן אַלגעמיינע באַוועגונג פון דער ייִדישער יוגנט, און אַז די יוגנטלעכע גופא וועלן זיך אויסאַרבעטן אַן אייגענעם וועלט־באַנעם. די יוגנט־אָרגאַניזאַציע דאַרף דעריבער זײַן אומאָפּהענגיק.

דער השומר הצעיר האָט זיך אַנטוויקלט אונטערן אײַנפלוס פון 2 אידעאָלאָגיעס: פון איין זײַט דער ציוניזם, און דער עיקר דער ראָמאַנטיזם פון די פּאַלעסטינער חלוצים און די מיטגלידער פון דער ייִדישער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע „השומר"; און פון דער אַנדערער זײַט —די אידעאָלאָגיע פון דער דײַטשער יוגנט־באַוועגונג, די ראָמאַנטיק פון יוגנטלעכער פרײַנדשאַפט, די מרידה קעגן דעם עלטערן דור, דאָס זוכן נײַע וועגן.

אין די 20ער יאָרן איז די ייִדישע יוגנט אין פּוילן מאַסנווײַז אַרײַנגעטראָטן אין די רייען פון השומר הצעיר, ספּעציעל די שולױוגנט. די אידעאָלאָגיע פון דער דאָזיקער באַוועגונג איז טאַקע געווען אַ פאַרנעפּלטע אָבער איר שטרעבונג צו עפּעס נײַס און די לאָזונג פון אידעיִשער זעלבסטשטענדיקייט האָבן פולשטענדיק אויסגעדרוקט דעם געדאַנקען־גאַנג פון דער ייִדישער יוגנט און דער עיקר פון דער שולױוגנט.

די אַלטע ייִדישע וועלט האָט זיך געהאַלטן אין צעפאַלן, די אַלטע ייִדישע באַשעפטיקונגען האָבן זיך אײַנגעשרומפּן פון יאָר צו יאָר. די ייִדישע קרעמלעך, די בעל־מלאכהשע וואַרשטאַטן האָבן זיך געראַנגלט מיט די לעצטע כוחות קעגן אומקום. די ייִדישע יוגנט האָט נישט געקענט גיין אויף די פון הונדערטער יאָרן אויסגעטראָטענע וועגן פון זייערע טאַטעס, זיידעס און עלטער־זיידעס, אין דעם גוססדיקן באַקראַט־קרעמל פון די עלטערן האָט די יוגנט נישט געהאַט וואָס צו טאָן. די ענדעקיש־סאַנאַטאָרישע מלוכה האָט נישט געגעבן דער ייִדישער יוגנט קיין שום פּערספּעקטיוו. אין אַזאַ פּוילן איז פאַר די ייִדן נישט געווען קיין שום צוקונפט. ס'איז פאַר זיי נישט געווען קיין פּלאַץ נישט אין די פאַבריקן, נישט אין די קוילנגרובן און אויך נישט אין די רעגירונגס־אַמטן אָדער אויף מוניציפּאַלע שטעלעס. איז דעריבער נישט קיין וווּנדער וואָס אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט אַ שטאַרקער אידעאָלאָגישער אויפברויז אַרומגעכאַפּט די ייִדישע יוגנט און טויזנטער ייִנגלעך און מיידלעך האָבן ערנסט גענומען דאָס „זוכן נײַע וועגן מצד דעם השומר הצעיר". זיי האָבן געזוכט דעם אמת און די בעסטע פון זיי האָבן אים געפונען אין מאַרקסיזם. מיט דער צײַט איז דער מאַרקסיזם געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון דער שומרישער דערציונג. די שומרישע אידעאָלאָגיע האָט זיך באַזירט אויף דרײַ ריכטונגען: ציוניזם, מאַרקסיזם און די אידעאָלאָגיע פון דער דײַטשער יוגנט־באַוועגונג. דאָס אָנשפּאַרן זיך אויף דרײַ סתירותדיקע אידעאָלאָגיעס האָט געמוזט אונטערברעכן דעם גלײַכגעוויכט פון השומר הצעיר און דערפון האָבן זיך טאַקע גענומען די אָפטע שפּאַלטונגען. וואָס אַ מאָל האָבן גרעסערע צאָלן מיטגלידער פאַרלאָזט די רייען פון דער אָרגאַניזאַציע, אַנטלויפנדיק פון דער אַזוי גערופענער „טראַגישער סתירותדיקייט" פון השומר הצעיר.

טראַגיש איז דעמאָלט בכלל געווען דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן. הונדערטער טויזנטער ייִדן האָבן באַלאַגערט די פּאַלעסטינעאַמטן, וועלנדיק זיך באַפרײַען פון די פאַרפאָלגונגען און אָנהייבן אַ נײַ לעבן אין ארץ־ישראל. און אין דעם אויסגעחלומטן לאַנד איז צו די עקאָנאָמישע קריזיסן צוגעקומען בלוטיקע אומרוען און דערצו האָט די ענגלישע קאָלאָניאַלע רעגירונג וואָס אַ מאָל מער באַגרענעצט די אימיגראַציע קיין ארץ־ישראל.

---

אין 1928 גרייט זיך די סאַנאַציע־רעגירונג צו פײַערן דאָס ערשטע יאָרצענדליק פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. אַלע וואַרשעווער שולן דאַרפן שיקן דעלעגאַציעס מיט בלומען און באַגריסונגען צום בלוטיקן פאַשיסטישן דיקטאַטאָר פון לאַנד — פּילסודסקין. יעדער שילער אָנהייבנדיק פון פערטן קלאַס, דאַרף אונטערשרײַבן אַ דאַנקאָדרעס צו פּילסודסקין, וואָס די דעלעגאַציע וועט איבערגעבן איינעם פון זײַנע אַדיוטאַנטן.

אין דער מיטלשול פון פּרוי פּרילוצקי איז גראָד אַ הפסקה און די שילערינס פון צווייטן און דריטן שטאָק פאַרלאָזן דעם קלאַס לויפנדיק איבער די טרעפּ מיט יוגנטלעכן געטומל. אָבער וואָס נענטער זיי קומען צום אַרויסגאַנג אַלץ גערדיכטער ווערט דער עולם יוגנטלעכע. נישט בלויז חברטעס פון דער שול, נאָר אויך עפּעס אַ גרופּע שילערס פאַרשטעלן דעם אַרויסגאַנג און באַמיִען זיך אויפצוקלערן די חברטעס וועגן עפּעס אַן ענין וואָס ווײַזט אויס צו זײַן גאַנץ וויכטיק. דערווײַל ווערן אַלע טרעפּ אָנגעפילט פון די דערשטוינטע שילערינס, אין דערוואַרטונג פון עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכער געשעעניש. פּלוצלינג באַווײַזט זיך אין דער הייך אַ שילער

פון א יאָר 16 מיט אַ קינדיש פּנים וואָס איז בלאַס פון שרעק און עמאָציע. ער הייבט אָן צו רעדן און זײַן שטים ווערט אַלץ דרייסטער און שטאַרקער:

חברטעס! דער בלוטיקער פּוילישער פאַשיזם וויל, מיר זאָלן באַדאַנקען זײַן נישט ווייניקער בלוטיקן פירער, דעם העלד פון יאַבלאָננע, פּילסודסקין. פאַר וואָס זאָלן מיר אים דאַנקען? פאַר דער אַלץ וואַקסנדיקער עקאָנאָמישער אומזיכערקייט? פאַר אונדזער צעטראָטענע יוגנט? פאַר אונדזער צוקונפט אָן שום האָפענונג? פאַרן „נומערוס קלאַוזוס" אין די אוניווערסיטעטן? די רעגירונג און איר אָנפירער פאַרלאַנגען אונדזער בלוט! זיי גרייטן אַ מלחמה קעגן ראַטן־פאַרבאַנד, קעגן דער ערשטער מלוכה פון אַרבעטער און־פּויערים. דערפאַר טרײַבן זיי אונדז אײַערע חברים, צו מיליטערישע איבונגען. נידער מיט דער פאַשיסטישער רעגירונג פון נויט און קריג! נידער מיט פּילסודסקין! קיין איינע פון אײַך וועט נישט אונטערשרײַבן דעם דאַנקאַדרעס צו פּילסודסקין! זאָל לעבן דער פאַרבאַנד פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט!"

דער מיטינג האָט זיך פאַרענדיקט און דער רעדנער איז גלײַך פאַרשוווּנדן. די איבערראַשטע שילערינס צעגייען זיך און רעדן אַרום דעם ענין וואָס דער רעדנער האָט באַהאַנדלט.

---

אַ מאָדנע אָרגאַניזאַציע איז געווען די זמ"ס (זעט־עם־עס). אָנגעהויבן האָט זי זיך פון קרײַזלעך צו שטודירן מאַרקסיזם, אָבער די מאַרקסיסטישע לערע מיינט נישט צו באַנוגענען זיך מיט בלויז ביכער און דערפאַר האָט די אָרגאַניזאַציע גערופן צו מעשים. די אָרגאַניזירטע יוגנט פון די מיטלשולן פירט אָן אַן ענערגישע און אַלזײַטיקע טעטיקייט. הונדערטער שילערס פון די העכערע קלאַסן פאַרדינען אויף זייער אויסקום דורך געבן לעקציעס. די זמ"ס אָרגאַניזירט דעריבער אַ פאַרבאַנד פון קאָרעפּעטיטערס. דער ענערגישער קאַמפּיין קעגן „באַדאַנקען" פּילסודסקין האָט דערפירט דערצו, אַז הונדערטער שילערס האָבן נישט קאַנקרעטיק אויף די דראָונגען און טעראָר זיך אָפּגעזאָגט צו חתמענען דעם „אַדרעס". די שול־פאַרוואַלטונגען וואַרפן אַרויס די „אָנפירערס" און אין די שולן ברעכן אויס שטרײַקן. אין יאָר 1929 שאַפט אָפּ דער וואַרשעווער מאַגיסטראַט, צוליב אײַנשפּאָרונג, די ביליקע טראַמוויי־בילעטן פאַר שילערס. אין די שולן הייבט זיך דאָן אָן אַ מעכטיקע פּראָטעסט־באַוועגונג. אַ דעמאָנסטראַציע פון אַ סך הונדערטער שילערס מאַרשירט צום מאַגיסטראַט.

---

אין דער זמ"ס האָט געהערשט אַן אײַזערנע דיסציפּלין און דאָס האָט זיך ספּעציעל אַרויסגעוויזן אין שײַכות מיט די פאַרגעקומענע דעמאָנסטראַציעס, באַזונדערס די פון ערשטן מײַ. די ערשטע מײַ דעמאָנסטראַציעס זענען שוין פון לאַנג אַ וואַרשעווער טראַדיציע. אין דעם ענדעקישן און סאַנאַציע־פּוילן זענען דעם ערשטן מײַ אַרויס אין די וואַרשעווער גאַסן צענדליקער טויזנטער אַרבעטער, נישט געקוקט אויף דעם ווילדן טעראָר פון דער פּאָליציי און די פאַשיסטישע באַנדעס. אין די דאָזיקע דעמאָנסטראַציעס שפּאַנען אַקסל בײַ אַקסל מיט די אַרבעטער די מיטגלידער פון זמ"ס. דעם ערשטן מײַ 1926 האָט זיך גענאָסן בלוט אויף די וואַרשעווער גאַסן. אַ גרויסע מאַסע דעמאָנסטראַנטן האָט זיך פאַרזאַמלט אויפן טעאַטער־פּלאַץ אונטער די פענער פון די קאָמוניסטן.

נאָך די רעדעס האָבן די פּעפּעסישע גרופּעס פאַרלאָזן דאָס טעאַטער־פּלאַץ אָבער זייער „באָיוווקע" האָט דורך אַן אומדערוואַרטן מאַנעוור פאַרנומען אַלע אַרויסגענג פון טעאַטער־פּלאַץ און מיט רעוואָלווערן אין די הענט געצוווּנגען די קאָמוניסטן צו בלײַבן אויף די ערטער. פּלוצלינג האָבן פון די אַרומיקע גאַסן זיך באַוויזן אַגענטן פון דער געהיים־פּאָליציי וואָס האָבן צוזאַמען מיט דער „באָיוווקע" פון פּפּ"ס געעפנט אַ העפטיק פײַער אויף די קאָמוניסטן. ס'זענען דאָן געפאַלן אַ סך טויטע און נאָך מער זענען אַרוים פאַרוווּנדעט. צוליב דעם דאָזיקן גרויזאַמען בלוטבאָד האָבן זיך דעם ערשטן מײַ 1927 צוגעשטעלט צו דער דעמאָנסטראַציע גאָר ווינציק מיטגלידער פון זמ"ס. דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון זמ"ס האָט דאָן באַשלאָסן אָנצווענדן ענערגישע סאַנקציעס. די זמ"ס איז געווען אָרגאַניזירט אויף דער באַזע פון שולקעמערלעך, אָדער ריכטיקער — קלאַסקעמערלעך. אין אַלע קעמערלעך הייבט זיך אָן אַ שטרענגען אויס־



פאָרשונג וועגן די סיבות פאַר וואָס די מיטגלידער זענען נישט געקומען צו דער דעמאָנסטראַציע. וואָכן לאַנג האָט זיך געצויגן די אויספאָרשונג און דער סוף איז געווען אַז דער וואַרשעווער קאָמיטעט האָט אָפּגעשטעלט פון דער מיטגלידערשאַפט כמעט אַ העלפט פון דער אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע סאַנקציע האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די דיסציפּלין פון דער זמ"ס, וואָס איז געוואָרן אַ מוסטער פון אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַן אײַזערנער דיסציפּלין.

---

ס'איז נישט קיין צופאַל וואָס דווקא וואַרשע האָט די ערשטע אויפגעהויבן די קאַמפּספאָן קעגן די היטלעריסטישע מערדער. וואַרשע איז די שטאָט פון רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק דורך מאַסן־אַרויסטריטן פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג — אײַנשליסלעך די דאָרטיקע ייִדן — קעגן די אייגענע און פרעמדע אונטערדריקערס. אַזוי איז געווען בעת די אויפשטאַנדן פון 1830 און 1863, שפּעטער אין די העלדישע קאַמפן פון ערשטן „פּראָלעטאַריאַט" פון וואַרינסקין, אין די באַוואָפנטע מאַניפעסטאַציעס פון 1905 ביז די עקשנותדיקע קאַמפן קעגן די אייגענע רעגירונגען פון דער נײַער טאַרגאָוויצע, פון דער פּריציש־קאַפּיטאַליסטישער ענדעציע און דער „פּילסודטשינע":

אין 1926 זענען פאָרגעקומען וואַלן צום וואַרשעווער שטאָט־ראַט. די ליסטע פון אַרבעטער־איינקייט, געשטיצט פון די קאָמוניסטן, איז געוואָרן געפּסלט. די וואַרשעווער קאָמוניסטן האָבן פון דעסט וועגן אויפגעפאָדערט די באַפעלקערונג צו שטימען פאַר די געפּסלטע ליסטע און ס'האָבן פאַר איר געשטימט 66.000 בירגער, ד"ה מער ווי פאַר די לעגאַלע ליסטעס פון פּפּ"ס, בונד, „ייִדישן נאַציאָנאַלן בלאָק" און אַנדערע. צווישן די 66.000 שטימען זענען 25.000 געווען ייִדישע בעת דער בונד האָט באַקומען ווייניקער פון 18.000 שטימען.

די ייִדישע יוגנט אין וואַרשע האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די דעמאָלטיקע צאָלרײַכע קאָמוניסטישע מאַניפעסטאַציעס און דאָס האָט נישט איין מאָל געמיינט אײַנשטעלן דאָס לעבן. אַזעלכע אַרויסטריטן האָבן געהאַרטעוועט די ייִדישע יוגנט, געמאַכט זיי מער אויסהאַלטעוודיק און מוטיקער. די מאַניפעסטאַציעס זענען פאָרגעקומען אין שײַכות מיט די אינטערנאַציאָנאַלע טעג פון פּראָלעטאַרישן קאַמף, ווי דער ערשטער מײַ, דער ערשטער אויגוסט, דער טאָג געווידמעט דעם קאַמף קעגן מלחמה, דער אינטערנאַציאָנאַלער טאָג פון דער יוגנט אין סעפּטעמבער, דער 7טער נאָוועמבער, דער אינטערנאַציאָנאַלער פרויענטאָג אין מאַרץ, און אַנדערע. ס'זענען אויך פאָרגעקומען מאַניפעסטאַציעס קעגן טעראָר פון דער רעגירונג, קעגן די קאָמוניסטישע פּראָצעסן, אָדער מאַניפעסטאַציעס פון אַרבעטסלאָזע, צי אויך פון שטרײַקנדיקע אַרבעטער. די פּאָליציי האָט ווילד צעטריבן די דאָזיקע מאַניפעסטאַציעס, געשאָסן, געשלאָגן און אַרעסטירט.

---

עטלעכע הונדערט אַרבעטער מאַרשירן איבער לעשנע, ייִדן און פּאָליאַקן צוזאַמען. דאָס איז אַ קלאָרער באַווײַז אַז ס'האַנדלט זיך וועגן אַ קאָמוניסטישער מאַניפעסטאַציע. איבער די מאַרשירער פלאַטערט אַ רויטער טראַנספּאַרענט מיט דער אויפשריפט „נידער מיט דער פאַשיסטישער רעגירונג". ס'איז דער ערשטער מײַ. די מאַרשירנדיקע איבער לעשנע זענען אַרבעטער פון פּאַוואָנזקער ראַיאָן. פּלוצלינג באַווײַזט זיך הינטער די דעמאָנסטראַנטן אַן אָפּטיילונג רײַטער־פּאָליציי וואָס לאָזט זיך מיט אַנטבלויזטע שווערדן אויף די אַרבעטער. אָבער צוקומענדיק נענטער האָט זי שוין פון דער דעמאָנסטראַציע נישט געזען קיין שפּור. דער מיטן גאַס איז געווען אָפּגעליידיקט. דערפאַר זענען אָבער די טראָטואַרן פול געווען מיט שפּאַצירערס. און אַ מאָדנע זאַך: אַלע האָבן געשפּאַנט אין איין ריכטונג. די פּאָליציי ציט זיך באַלד צוריק אָבער ווי נאָר זי פאַרשווינדט באַווײַזט זיך ווידער אויף דער גאַס אַ קאָמוניסטישע דעמאָנסטראַציע.

נישט אַלע מאָל איז אָבער אַזוי געשען! ס'האָט זיך אויך געטראָפן אַז די פּאָליציי זאָל מיט די פערד אַרויף אויפן טראָטואַר און שלאָגן די פאַרבײַגייערס אויף רעכטס און אויף לינקס, נישט אַרײַנגייענדיק דערין ווער ס'איז יאָ און ווער נישט קיין מאַניפעס־

טאנט. אפט האט די פאליציי שוין פון ווייטן געשאסן אויף די דע־מאנסטראנטן און דעמאלט איז דער ברוק פארגאסן געווארן מיט בלוט.

דאס האט אבער נישט געשטערט די קאמוניסטישע דעמאנ־טראציעס און אזוי האט אנגעהאלטן יארן.

די יידישע יוגנט איז געווארן פארהארטעוועט אין די דאזיקע דעמאנסטראציעס און ס'איז גארנישט קיין ווונדער אז ווען ס'איז געקומען דער מאמענט פון העכסטן פרוּוו, ווען דער טויט — דער שרעקלעכער טויט פון די הענט פון די היטלער־מערדערס — האט געלויערט אויף יעדן ייִד, האט די ווארשעווער יידישע יוגנט די ערשטע אויפגעהויבן די פאן פון אויפשטאנד, פון דעם אומפאר־געסלעכן העלדישן אויפשטאנד אין ווארשעווער געטא.





אין קראשינסקיס גארטן — לייענעדיק א צייטונג

**דוויד דיאַמאַנט** (פּאַריז)
לייטער פון דאָקומענטאַציע-צענטער
ביים „פאַרבאַנד פאַר ווידערשטאַנד און
קעגנזייטיקער הילף" (אוניאָן) פּאַריז.

# מאַרטירערטום און גבורה פון וואַרשעווער ייִדן אין שפּאַניע און אין פראַנקרײַך

דער חשובער מחבר פון דער דאָזיקער וויכטיקער מיט־אַרבעט שרייבט אין זיין אַריינפיר־וואָרט אַז ר'איז דאָ נישט אויסן געווען צו געבן אַ סינטעטישע אַרבעט וועגן די וואַרשעווער אין פראַנקרייך ווי וועגן עפּעס אַ העמאָגראַפישער איינהייט. ער האַלט אַז אין דער ווירקלעכקייט קען נישט זיין קיין שום רייד וועגן געאָגראַפישע, עקאָנאָמישע אָדער אַנדערע פאַקטאָרן וואָס זאָלן פאַרבינדן די אויסגעוואַנדערטע וואַרשעווער אין נייעם לאַנד ווו זיי האָבן זיך באַזעצט.

„ס'איז אמת — שרייבט ער — אַז איינוווינער פון אַ סך שטעט און שטעטלעך האָבן אין פראַנקרייך געשאַפן לאַנדס־מאַנשאַפטן מיט באַשטימטע צילן, אָבער די דאָזיקע מענטשן זענען שוין לכתחילה געווען פאַרבינדן צווישן זיך מיט פּעדעם פון פריינדשאַפט, קרובהשאַפט אָדער, צום ווייניקסטן, דורך קאַנטשאַפט צווישן זיך און אַפילו פון די עלטערן און זיידעס".

אָבער דאָס איז נישט געווען חל אויף די וואַרשעווער.

„זייער כאַראַקטעריסטיק, ווי פון איינוווינער פון יעדער גרויסער שטאָט, איז אַז זיי קענען אָפּוווינען אין זעלבן הויז יאָרן און זיך נישט קענען. אין פראַנקרייך, און באַזונדערס אין פּאַריז, האָבן די וואַרשעווער זיך געקענט געפינען אין זעלבן פאַך, זיין טעטיק אין זעלבן פראָפעסיאָנעלן פאַראיין אָדער קולטור־אינסטיטוציע און נישט וויסן צו מאָל אַז זיי זענען פון דער זעלבער שטאָט. אַפילו די ספּעציפישע אויסשפּראַך פונעם וואַרשעווער האָט זיך דאָ אין געמישטן ייִדיש פון פאַרשידענע געגנטן פעענדערט".

די געשיכטע פון העלדישן קאַמף און טראַגישן אומקום פון די וואַרשעווער אין פראַנקרייך — האַלט דער מחבר — איז בלויז אַ טייל פון דער געשיכטע פון גאַנצן פראַנצויזישן ווידערשטאַנד־קאַמף און מאַרטירערטום און דעריבער וועט ער בלויז געבן „טיפּן פון וואַרשעווער ייִדן אין פראַנצויזישן ווי־דערשטאַנד־קאַמף, עפּיזאָדן, געשעענישן און פאַקטן אין דער געשיכטע פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ביי וועלכער די וואַר־שעווער האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע".

דער מחבר ווייזט אָבער אָן אַז די באַטייליקטע וואַרשעווער אין דער רעזיסטאַנס זענען געווען פון דעם זעלבן עלעמענט — און אָפט אויך די זעלבע פּערזאָנען — וואָס האָבן מיט עטלעכע יאָר פריער געקעמפט העלדיש אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע. דעריבער הייבט ער אויך אָן זיין אַרבעט מיט שילדערונגען פון יענער גרויסער עפּאָפּעע ווו די בעסטע פון דער מענטשהייט זענען געקומען צו הילף דעם העראָישן שפּאַנישן פאָלק אין זיין קאַמף קעגן דעם אינטער־נאַציאָנאַלן פאַשיזם.

דער חבר דוויד דיאַמאַנט האַלט — און מיט רעכט — אַז ס'איז אוממעגלעך אַז אין „פנקס וואַרשע" זאָלן נישט דערמאָנט ווערן די העלדן און מאַרטירער פון וואַרשעווער אין פראַנק־רייך און ער איז זיכער אַז די אַלע ווייטער אַרויסגעבראַכטע „פאַקטן וועלן מיט זייער אויטענטישקייט, פּינקטלעכקייט און היסטאָרישער באַדייטונג אַרויסרופן שטאָלץ ביי די לעבן גע־בליבענע וואַרשעווער" און אַז „דער העלדישער ביישפּיל פון די זין און טעכטער פונעם שטאָלצן וואַרשע וועט פאַר יעדן קענען לויכטן אין זיין קאַמף פאַר מענטשלעכער פרייהייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט".

## מיט געווער אין האַנט אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע

די ערשטע פאָרמען פון אַנטיפאַשיסטישן באַוואָפנטן קאַמף וווּ ייִדן האָבן גענומען אַ שטאַרק אַקטיוון אָנטייל איז געווען אין שפּאַניע. אין אַלע לענדער האָט אָפּגעקלונגען דער רוף פון פאַר־פּײַניקטן שפּאַנישן פאָלק אויפצושטיין קעגן זײַנע הענקער. אַ סך וואַרשעווער, וועמען עס האָט גערופן דאָס געפיל פון שינאה צום פאַשיזם און ליבע צו פרײַהייט, האָבן דעם דאָזיקן רוף אויפגענומען און זענען געלאָפן קעמפן אין שפּאַניע. אַלע זענען זיי געפאָרן דורך פראַנקרײַך. די יעניקע וועלכע זענען געקומען דירעקט פון וואַרשע זענען אוּמפאַרמײַדלעך דורכגעגאַנגען דורך פּאַריז, בלײַבנדיק דאָ אַ לענגערע אָדער קורצערע צײַט. נאָך דעם פאַלן פון דער שפּאַני־שער רעפּובליק זענען אַ טייל ייִדישע פרײַהייטס־קעמפער צוריקגע־קומען קיין פראַנקרײַך, אַ צאָל פון זיי איז געבליבן פרײַ, אַנדערע זענען אינטערנירט געוואָרן אין פראַנצויזישע לאַגערן, דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אַפריקע אָדער גאָר אויף טויט אין אוישוויץ. די רומ־פולע טראַדיציעס פון די ייִדישע שלאַכטלײַט אין שפּאַניע זענען אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע פאָרגעזעצט געוואָרן בײַ אַנדערע באַדינגונגען. די גרינדער פון דער ערשטער ייִדישער פּאַרטיזאַנען־איינהייט אין פּאַריז זענען טאַקע געווען פריִערדיקע קעמפער פון דער באָטווין־קאָמפּאַניע און פון דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע. עס ציט זיך בכן די גאָלדענע קייט פון מסירת־נפש און קאַמפסווילן פון די פוילישע שטעט און שטעטלעך, מיט דער הויפּטשטאָט וואַר־שע אין דער שפּיץ, דורך דעם שפּאַנישן אומאָפּהענגיקייטס־קריג ביז די העלדישע מעשים אונטער דעם נאַציזישן שטיוול בעת דעם צווייטן וועלטקריג. און לויט אונדזער מיינונג איז ריכטיק צו דער־מאָנען אין די ראַמען פון אונדזערע מעגלעכקייטן, די יעניקע וואַר־שעווער, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט אין שפּאַניע.

די ערשטע ייִדישע קעמפער וואָס זענען פרײַוויליק געפאָרן קיין שפּאַניע זענען געווען פון פּאַריז (זינט די ערשטע טעג פון קריג). נאָך איידער עס זענען געגרינדעט געוואָרן די אינטערנאַציאָ־נאַלע בריגאַדעס (14טער אָקטאָבער 1936) האָבן זיך געצויגן אַהין קלענערע אָדער גרעסערע גרופּעס פרײַוויליקע ייִדן און פּאָליאַקן. אַ טייל פון זיי האָבן געקעמפט אין די מיליטערישע איינהייטן „ערנסט טעלמאַן", „עדגאַר אַנדרעי", „ראַקאָשי", „טשאַפּאַיעוו". אַפילו אין דער איטאַליענישער „גאַריבאַלדי"־איינהייט האָט מען געטראָפן פוילישע ייִדן. אָבער די ווײַט גרעסטע מערהייט איז אַרײַן אין דער דאָמבראָווסקי־קאָמפּאַניע, וועלכע איז אַ דאַנק דעם צו־פלוס פון פּאָליאַקן, ייִדן און אוקראַיִנער אויסגעוואָקסן צו אַ באַ־טאַליאָן און נאָך דעם צו אַ בריגאַדע.

אויך שפּעטער ווען עס זענען אַנטשטאַנען אַנדערע פוילישע איינהייטן ווי „ווּרובלעווסקי", „מיצקעוויטש" א"א, איז די „דאָמ־בראָווסקי" געווען די וויכטיקסטע בריגאַדע. אין איר שוים איז אויסגעוואַקסן, האָט זיך אַנטוויקלט און זיך אויסגעצייכנט מיט אירע העלדנטאַטן די באָטווין־קאָמפּאַניע. דער מוט פון די פּאָליאַקן און ייִדן און בכלל פון אַלע אירע קעמפערס האָט באַרימט געמאַכט די דאָמבראָווסקי־בריגאַדע ווי די בעסטע פון אַלע אינטערנאַציאָ־נאַלע בריגאַדעס.

אין ווארשע גופא האבן טויזנטער ארבעטער געלעכצט צו פארן קיין שפאניע. אבער צוליב דעם רעאקציאנערן סאנאציע־רעזשים איז עס די ערשטע צייט געווען אוממעגלעך. ערשט אין יאנואר 1937 פארט אפ פון ווארשע די ערשטע גרופע פון 50 פרייוויליקע, צווישן וועלכע עס האבן זיך געפונען יקותיאל (קאראל) גוטמאן, דער שפעטערדיקער ערשטער קאמענדאנט פון דער באטוויןקאמפאניע — ברוך ניסנבוים, איליא שאפירא, יוזשעק מאזעל (פון ווילנע). צוזאמען מיט זיי, אבער צעטיילט אין קלענערע גרופעס, זענען אויך ארויסגעפארן: מאנושעל שארל, כילעק שראגא, איגנאץ פאטאשמאן, אברהם רייטער, (געפאלן ווי דער לעצטער קעמפער פון די אינטערנאציאנאלע בריגאדעס). עס איז אוממעגלעך אפצוגעפינען אלע ווארשעווער וואס זענען געקומען פון זייער היימשטאט, אדער פון פאריז, בעלגיע, פאלעסטינע צי פון די אמעריקאנער לענדער. פיל פון זיי האבן זיך געוואלגערט וואכן און חדשים אין תפיסות און ביי די גרענעצן ביז זיי האבן דערגרייכט זייער ציל. מיר וועלן זיך באנוגענען מיט דערציילן עפעס וועגן די וואס זענען אונדז באקאנט. זאלן דורך זיי פארהייליקט ווערן די אומבאקאנטע סאלדאטן, די נאמענלאזע העלדן וואס זענען געקומען פון ווארשע קעמפן קעגן אינטערנאציאנאלן פאשיזם אויף די שפאנישע שלאכטפעלדער.

סעוועק קירשענבוים, געבוירן אין בלוינע לעבן ווארשע אין 1904, האט אבער געלעבט און געקעמפט אין ווארשע. ער איז געווען זייער אקטיוו אין דער קאמוניסטישער פארטיי און אין דער פראפעסיאנעלער באוועגונג פון טעקסטיל־סינדיקאט.

אין פאריז איז סעוועק געווען באקאנט אויפן בעלוויל ווי דער סעקרעטאר פון דער ארטיקער סעקציע פון דער „רויטער הילף".

קיין שפאניע איז סעוועק געקומען גלייך נאכן אויסבראך פון קריג, ער האט געקעמפט אין „ליבערטאד" נאך פארן גרינדן די אינטערנאציאנאלע בריגאדעס. ער ווערט אין גיכן קאמיסאר פון דער ערשטער קוילן־ווארפער־קאמפאניע. ער ווייזט ארויס גרויסע מיליטערישע פעיקייטן און שטייגט כסדר: צו ערשט קאמיסאר פאר די קאדערס (א געוויסע צייט אין דער באטוויןקאמפאניע), דערנאך קאמיסאר פון דאמבראווסקי־באטאליאן און צום סוף שטאבאפיציר פון 15טן קארפוס.

אינטערנירט אין לאגער גירס, איז ער דער פאליטישער פאראנטווארטלעכער פון דער אומלעגאלער ארגאניזאציע. ער האט זיך אבער ארויסגעריסן פון לאגער און מיר טרעפן אים שפעטער ווי איינעם פון די גרינדער פון דער יידישער פארטיזאנען־אפטיילונג, וווּ ער שפילט די וויכטיקסטע ראלע. ער ווערט ארעסטירט אויף זיין קאמפספאסטן, דעפארטירט און דערמארדעט.

אין סעפטעמבער 1936 איז מיט א גרופע פון 10 פאריזער אקטיוויסטן פון די ארבעטער־ארגאניזאציעס מיטגעפארן דער דינאמישער ראמאן לעשטש. שוין אויפן וועג, קלעטערנדיק אויף די פירענעען, האט ער אגיטירט זיינע חברים צו גיין דורכוים אין דעם דאמבראווסקי־באטאליאן. זיי אלע זענען געווען מוטיקע קעמפער. לעשטש איז פארוווּנדעט געווארן. אין דער צייט פון דער נאצישער אקופאציע האט ער געהערט צו די קאמפגרופעס פון דער „אוניאן" אין ליאן, איצט איז ער אין ווארשע.

ט. עלסקי (אמתר נאמען לייבל טראיאנאווסקי), געבוירן אין ווארשע אין 1909, איז אין פאריז געווען אקטיוו אין יידישן ארבעטער־ספארט־קלוב „יאסס" און שטענדיקער קארעספאנדענט פון „נייע פרעסע".

ווען ער פארט מיט די יאסקיסטן אין 1936 קיין שפאניע אויף דער ספארט־אלימפיאדע און עס ברעכט אוים דער פראנקיסטישער אויפשטאנד בלייבט עלסקי אלס קארעספאנדענט און שיקט איבער העכסט אינטערעסאנטע רעפארטאזשן פונעם פראנט.

שפעטער, ווען די „נייע פרעסע" האט שוין 4—5 ספעציעלע שליחים אויף די פראנטן פון שפאניע, איז נאך עלסקי איינער פון די וועמענס ארטיקלען ווערן איבערגעדרוקט פון „נייע פרעסע" אין די יידישע צייטונגען אין ראטן־פארבאנד, אמעריקע און אנדערע לענדער.

עלסקי איז אין 1942, בעת א דעפארטאציע, ארפגעשפרונגען פונעם צוג און צעשמעטערט געווארן.

נאטאן טשאק איז געווען א גייסטיק און מאראליש באוואפנטער קאמוניסט און סאלדאט און האט געהאט א פאעטישע נשמה. ער האט הויך אפגעשאצט די באדייטונג פון מוזיק פארן שלאכטמאן. דאס האט ער געשאפן דעם מארש פון דעם באטאליאן „דאמבראווסקי". ער איז פריציייטיק געפאלן נישט וויסנדיק אפילו אז זיין ליד וועט ווערן דער אפיציעלער הימען פון דער גאנצער דאמבראווסקי־בריגאדע. טויזנטער קעמפער האבן מארשירט צו אטאקירן דעם שונא מיט די ווערטער פון נאטאן טשאק, אין וועלכע עס קלינגט אפ דער טיפער איינפלוס פון ישעיהס נבואה וועגן ענדגילטיקן פרידן צווישן די פעלקער און מענטשן.

ברוך ניסנבוים, דער פאפולערער קאמוניסטישער יוגנט־טוער אין ווארשע, באקאנט אונטערן פסעוודאנים באברוש, איז פון די ווארשעווער תפיסות, נאך פינף חדשים וואגלעניש אנגעקומען אויף דער פרייער שפאנישער ערד. ליב איז אים געווען די אינטערנאציאנאלע משפחה פון די קעמפער און דאס מוטיקע שפאנישע מארטירער־פאלק. אין דער פראנטצייטונג האט ער דערציילט וועגן דער געזעגענונג וואס די שפאנישע באפעלקערונג האט זיי געמאכט איידער זיי זענען אפגעגאנגען אויפן פראנט דאס לעצטע מאל: „קוקנדיק אויף די וויינענדיקע פרויען האב איך זיך דערמאנט אין מיין מוטער. יא, זיי האבן זיך מיט אונדז געזעגנט ווי מיר וואלטן געווען זייערע קינדער... מיר וועלן אויפן פראנט נקמה נעמען פאר אייער און אונדזער עוולה. שטאלץ וועלן מיר טראגן די פאן פון פרייהייט". אויפן פראנט וויליא מאיאר דע גאלעגא האט ער פאר דער פרייהייט פון יידישן און שפאנישן פאלק, אויף דער שפאנישער ערד אין 1937, אוועקגעגעבן זיין 24טן זומער...

צוזאמען מיט באברושן איז געפאלן אויפן פראנט פון סאראגאסא דער אלגעמיין באליבטער יוזשעק רובינשטיין (באקאנט אונטערן נאמען יוזשעק „גרובי"). אין קעגנזאץ צו באברושן האט ער אין דער יוגנט פון קיין הונגער און נויט נישט געוווּסט. א סטודענט אויף רעכט־וויסנשאפט, א ספארטלער אין „מכבי", קומט ער צו דער קאמוניסטישער יוגנט דורכגעדרונגען מיט א הויכן אידעאל. די ווארשעווער פאליציי לאזט אים נישט צו רו. די פייניקונגען, וועלכע ער האט אויסצושטיין אין די ווארשעווער תפיסות, ברעכן נישט זיין מוט. זיין לעצטער עטאפ איז קארטוז־בערעזע. פון דאנען לויפט ער דירעקט קיין שפאניע, וווּ די קויל האט אים געטראפן אין דעם שוין פון פיל יידן אפגעשוואכטן הארץ. דער בעסטער קוילן־ווארפער — רובינשטיינס — איז פארשטומט געווארן. כדי צו פאראייביקן זיין נאמען האט אויף דער איניציאטיוו פון דעם באטוויניסט כאצקל האניקשטיין (שפעטער אויך געפאלן אויפן ערנפראנט), די באטוויןקאמפאניע האט דורך א פייערלעך־מיליטערישער צערעמאניע געגעבן דעם פארלאזטן קוילן־ווארפער דעם נאמען „יוזשעק רובינשטיין". דער נאמען פונעם אידעאליסט און קעמפער איז געווארן א סימבאל און א ביישפיל פאר אלע אנדערע.

דעם 12טן דעצעמבער 1937 איז אין טראנשיי פון שלמה עלבוים, וועלכער האט זיך געפונען אין איינעם פון די בערג אויף דעם פראנט פון אראגאן, געגרינדעט געווארן די יידישע „באטווין קאמפאניע". אפשאצנדיק דאס מסירת־נפש פון די יידישע קעמפער אין אלע איינהייטן, און כדי אויסצודריקן אנערקענונג די יידישע שלאכטלייט און דעם יידישן פאלק בכלל, האט די אנפירונג פון דער דאמבראווסקי־בריגאדע און דער גענעראל־שטאב פון די אינטערנאציאנאלע בריגאדעס אנגענומען דעם דאזיקן היסטארישן באשלוס מיט דער פערספעקטיוו אז די קאמפאניע זאל גאר אין גיכן פארוואנדלט ווערן אין א באטאליאן.

די גרינדונגס־פארזאמלונג איז פארגעקומען אונטער די קנאלן פון די קוילן־ווארפערס, 150 מעטער פון דער פראנקיסטישער פראנט ליניע. איינער פון אירע מיטגרינדער איז געווען דער ווארשעווער קאמוניסטישער שרייבער, זשורנאליסט און ארבעטער־טוער גרשון דוא.

נאך דעם ווי ס'איז געלייענט געווארן דער אפיציעלער מיליטערישער טאג באפעל וועגן דער גרינדונג פון דער קאמפאניע, האט גרשון דוא (פסעוודאנים ד. באגען) מיט געהאמערטע ווערטער זיך געוואנדן צו די ביזייענדיקע: „איר סימבאליזירט מיט אייער קאמפאניע דעם העלדישן קאמף פון טויזנטער יידישע מיליציאנערן אין שפאניע; איר רעפרעזענטירט דא פאר די יידישע פאלקסמאסן דאס שענסטע און דאס העלדישסטע פון דעם אנטיפאשיסטישן קאמף...

איר דארפט באטווינס נאמען היטן, און הייבן הויך די פאן פון דער יידישער קאמפאניע..."

גרשון דוא איז געווען א שטענדיקער מיטגליד אין דער „באזע" פון די אינטערנאציאנאלע בריגאדעס אין אלבאסעטע. ער האט געזארגט פאר אלע יידישע קעמפער אין די אינטערנאציאנאלע בריגאדעס. ער איז געשטאנען אין פארבינדונג מיט די יידישע פאליטישע און סאלידאריטעט־ארגאניזאציעס פון פאריז, וועלכע האבן אומדערמידלעך געארבעט לטובת די יידישע קעמפער אין שפאניע. מיט זיינע אפטע ארטיקלען אין פאריזער „נייע פרעסע" האט ג. דוא א סך געהאלפן צו פאפולאריזירן דעם קאמף פון די יידישע סאלדאטן און אפיצירן פון אלע איינהייטן און גאר באזונדער פון דער באטווין־קאמפאניע. ג. דוא האט נאך פיל קאמפן און ליידן דערלעבט צו זען דאס פאלקס־דעמאקראטישע פוילן, וועגן וועלכן פוילישע און יידישע קעמפער האבן געטרוימט אין די טראנשייען פון שפאניע. ער איז אומגעקומען אין אן אויטא־קאטאסטראפע.

בעת דער גרינדונג פון דער באטווין־קאמפאניע זענען באשטימט געווארן די קאדערס. קארל גוטמאן פון ביאליסטאק איז נאמינירט געווארן ווי קאמענדאנט. ער איז העלדיש געפאלן אין דער ערשטער שלאכט פון דער קאמפאניע אויפן פראנט פון עקסטרעמאדורע (פעברואר 1938), ווען די באטווינצעס האבן פארכאפט דעם בארג אסערבוטשע. שלמה עלבוים איז געווארן אדיוטאנט און שפעטער לייטענאנט פון דער קוילן־ווארפער קאמפאניע. געשטאמט האט ער פון כעלעם און נאכן ארויסגיין פון תפיסה ווו ער איז געזעסן פאר קאמוניסטישער טעטיקייט, איז ער געקומען קיין ווארשע ארבעטן, כדי צו „פארדינען אויף הוצאות" צו פארן קיין שפאניע. ווי איינער פון די העלדישסטע אפיצירן אין „באטווין" האט ער גורם געווען אומגעהייערע פארלוסטן אין די פאשיסטישע רייען. ער איז רומפול געפאלן אויפן פרייהייטספראנט ביי גאנדעסא.

מישא רעגער, דער פאריזער ארבעטער־טוער, איז געווארן באשטימט אלס פאליטישער קאמיסאר פון דער קאמפאניע. זיינע מיליטערישע פעיקייטן און גרענעצלאזער מוט האבן אים גלייך דערהויבן צום הויכן פאראנטווארטלעכן פאסטן, קאמיסאר פון באטאליאן „פאלאפאקס". היינט איז ער מיניסטער פאר אינדוסטריע אין פאלקס־דעמאקראטישן פוילן.

אינטענדאנט פון דער קאמפאניע איז געווען אפרים וווזעק (היינט אין ווארשע).

נאך איידער עס איז געגרינדעט געווארן די באטווין־קאמפאניע האט זיך געפילט א מאנגל אין א יידישן פרעסע־ארגאן. דעם 7טן אויגוסט איז דערשינען דער ערשטער נומער „דער פרייהייטס־קעמפער". רעאליזירט איז ער געווארן א דאנק דעם ליטווישן ייד, פאליטישער קאמיסאר ברויער, דעם ווארשעווער חבר יאסל ניידער וואס איז געווען אן אקטיווער מיטגליד אין דער פאריזער „קולטור־ליגע" (העלדיש געפאלן אויפן פראנט פון מאלאגא) און אן אנדער ווארשעווער, חבר ביל, וואס האט געשפילט א גאר גרויסע ראלע ביים ארגאניזירן די אינטענדאנץ. ביל האט אין דער צייט פון דער אקופאציע אין פראנקרייך אויף אברייטן פארנעם צוגעשטעלט געווער פאר דער „רעזיסטאנס" און איז דערשאסן געווארן דורך די דייטשן.

דעם 30טן דעצעמבער 1937 דערשיינט דער ערשטער נומער „באטווין" מיטן אונטערקעפל „פראנטצייטונג פון דער יידישער קאמפאניע פון נפתלי באטווין", שפעטער איז אין אונטערקעפל דאס ווארט „פראנטצייטונג" פארביטן געווארן אויף „ארגאן". שעף־רעדאקטאר איז י. לעכטער, רעדאקטאר פון פאריזער „נייע פרעסע" (איצט אין דער ווארשעווער „פאלקס־שטימע").

דער טיכטיקסטער רעדאקטאר בעת דער גאנצער צייט פון דערשיינען פון „באטווין" (דער נומ' 5 איז דערשינען דעם 3טן נאוועמבער 1938) איז אן ספק געווען אלעק גוס (אפתר פאמיליע־נאמען אזשעך). געשטאמט האט ער פון א ווארשעווער פאמיליע פון לינקע פועלי־ציון. אליין אן ארבעטער, האט אים געצויגן צו דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. נאכן ארויסרייסן זיך פון ארעסט קומט ער קיין שפאניע אוועקצוגעבן זיינע כוחות און זיין טאלאנט. ס'איז נישטא קיין איין נומער „באטווין" ווו אלעק גוס זאל נישט פארעפנטלעכן בילדלעכע רעפארטאזשן פון לעבן און קאמף פון דער באטווין־קאמפאניע.

בעת עס קומט אויף דאס פראבלעם פון א הימען פאר דער באטווין־קאמפאניע שטעלט צו אלעק גוס „א מארש פאר די באטווינצעס", וועלכער ווערט געזונגען ביים מארשירן. אויף די קולטור־אונטערנעמונגען ווערט דאס ליד רעפעטירט דורך דעם סאלדאטן־כאר פון דער קאמפאניע און געזונגען פאר טויזנטער יידן און נישט־יידן.

אלעק גוס איז אפגעקומען מיט א שווערער ווונד, אבער אונטער דער דייטשער אקופאציע אין פראנקרייך ווערט ער ארייננגעזעצט אין פעסטונג מאנלוק אין ליאן פון וואנען ער איז דעפארטירט געווארן און איז אומגעקומען אין אוישוויץ.

דער יוגנטלעכער זישע בירנצווייג איז נאך אין ווארשע געווען בארימט ווי א ספארטטשעמפיאן. דער ווינער „הכוח" באמיט זיך אים צו געווינען אלס שפילער. ער איז אבער געטריי זיין פאלקסטימלעכער סביבה. אין פאריז איז ער איינער פון די אקטיווסטע ספארטלער אין יידישן ארבעטער־ספארטקלוב (יאסק). אויך אין שפאניע נעמט ער אנטייל אין א סך ספארט־פארמעסטן און ווערט טשעמפיאן פון באטאליאן „פאלאפאקס" אין וועלכן עס איז געווען די באטווין־קאמפאניע. ער באקומט פיל אויסצייכענונגען, פריזן און אנערקענונגס־בריוו.

זישע איז אבער אויך א העלדישער קעמפער, ער נעמט אנטייל אין אלע שלאכטן פון דער „באטווין־קאמפאניע" אין עקסטרעמאדורע, אראגאן. אין דער אפענסיווע ביי גאנדעסא איז דער אייביק פריילעכער און מוטיקער זישע פארשניטן געווארן פון א פאשיסטישער קויל.

דער ווארשעווער דרייסיקיאריקער מאיאר־דאקטאר פלאטאו איז אין שפאניע, געווען אנפירער פון סאניטאר־ווועזן פון דער דאמבראווסקי־בריגאדע און אין פרילינג 1938 פירט ער שוין אן מיט דער „סאנידאד" פון פיר דיוויזיעס. טראץ זיין הויכן פאסטן האט ער שטענדיק ליב צו פארברענגען צווישן די יידישע קעמפער, וועלכע זענען פון זייער זייט שטאלץ מיט אים. (היינט אין פוילן).

דער ווארשעווער יוגנטלעכער גרשון ראטהאלץ האט אין זיין היימשטאט געהערט צו די לינקע פועלי־ציון. ביי זיינע 21 יאר האט ער שוין הינטער זיך קנאפע 2 יאר העלדישן קאמף אויף די שלאכטפעלדער פון שפאניע. דריי מאל איז ער געווארן פארווונדעט און יעדעס מאל איז ער מיט א פארטאפלטן מוט געקומען זיך שטעלן אויפן פראנט קעגן די ערגסטע שונאים פון יידישן פאלק. די אנפירונג אנערקענט זיינע מיליטערישע פארדינסטן און ער ווערט דערהויבן צום ראנג פון לייטענאנט.

אין אקטאבער 1938 איז גרשון ראטהאלץ אומגעקומען אויף א טראגישן אופן. אינעם נעקראלאג, וואס עס האט צוגעשיקט דער הויפטשטאב פון דער דאמבראווסקי־בריגאדע, ווערט געמאלדן „וועגן טראגישן טויט פון איינעם פון אונדזערע בעסטע חברים, דעם העראישן און אומדערשראקענעם קעמפער פאר פרייהייט, לייטענאנט גרשון ראטהאלץ... דעם 21יאריקן בחור פון ווארשע, וואס איז אין יאנואר 1937 געקומען אין מיצקעוויטש־באטאליאן, האט זיך ארויסגערוקט אלס איינער פון די איבערגעגעבנסטע און פעיקסטע אפיצירן"...

דער ווארשעווער סטאליער־ארבעטער בעניעק ליפשיץ האט אלס בונדיסט פארשטאנען צו גיין קעמפן קיין שפאניע. ער האט זיינע איבערצייגונגען נישט פארלייקנט און ער האט עס נישט געדארפט טאן. נאר פארקערט: אלע די וואס האבן געקעמפט קעגן היטלער־מוסאליני־פראנקא זענען געווען דורכגעדרונגען מיט דער־זעלבער איבערצייגונג, — אז דער ערגסטער שונא פון יידישן פאלק און פון אלע פעלקער איז דער אינטערנאציאנאלער פאשיזם. זיי זענען געווען דורכגעדרונגען מיט איין אידעאל: איניקייט! קאמוניסטן, לינקע פועלי־ציון, און אנדערע ציוניסטן און אויך אומ־

פּאַרטייִשע זאָלן פירן אַ רחמנות דעם באַוואָפנטן קאַמף קעגן פאַשיזם. זיי זענען געוואָרן די פּיאָנערן און ווערדיקע וועגווייַזער פאַר די שפּעטערדיקע יידישע פּאַרטיזאַנען אין די אָקופּירטע לענדער, און אַ בײַשפּיל פאַר די העראָיִשע אויפשטענדלער אין ווארשעווער געטאָ.

## מאַרטירערטום און קאַמף אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע

דעם 14טן יולי 1940 האָבן די שטיוול פון דער דייַטשער ווערמאַכט, באַגלייט פון אַ גרילצנדיקן סאָלדאַטסקע געזאַנג, באַטראָטן די גאַסן און בולוואַרן פונעם שטאָלצן פּאַריז. געשענדט זענען געוואָרן די שטיינער וועלכע וואָלטן געקאָנט דערציילן די געשיכטע פון מאַרטירערטום און קאַמף פאַר פרייַהייט פון פריִערדיקע דורות סאַנקילאָטן און קאָמונאַרן.

פראַנקרייַך איז צעשניטן געוואָרן: די צפון־זאָנע באַהערשט דורך די דייַטשן און די דרום־זאָנע דורך ווישי, ביז זומער 1942 ווען די ווערמאַכט האָט פאַרנומען דאָס גאַנצע לאַנד.

אַ נייַע פאַזע אינעם פּאַטריאָטישן און אַנטיפאַשיסטישן קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן. דער יידישער יִשוב אין פראַנקרייַך האָט אין דאָזיקן קאַמף אַרייַנגעשריבן אַ נייַ קאַפּיטל פון מסירת־נפש און גבורה.

די יידישע אַרבעטער און פאָלקסמענטשן האָבן פאַרן קריג געהאַט אויפגעבויט מעכטיקע פּראָגרעסיווע סינדיקאַלע, קולטורעלע און סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן מיט דער הילף פון באַזונדערע פּרעסע־אָרגאַנען און ספּעציעל מיט דער הילף פון דער טעגלעכער „נייַע פּרעסע", ווירקזאַם געאַרבעט פאַרן וווּל פונעם יידישן יִשוב אין פראַנקרייַך, צוזאַמען מיט אַלע דעמאָקראַטישע כוחות פונעם לאַנד.

מיט דעם אָנקומען פון דער נאַציש־ווישיסטישער מאַכט זענען די אַלע אָרגאַניזאַציעס אַריבער אין אומלעגאַליטעט און האָבן בייַ די נייַע באַדינגונגען געפירט אַ האַרטנעקיקן און אומדערשראָקענעם קאַמף קעגן די בלוטיקע פרעמדע אונטערדריקער און זייערע ווישיסטישע קאָלאַבאָראַטאָרס.

אין אַלע צווייַגן פונעם ווידערשטאַנד־קאַמף געפינען מיר העלדישע ווארשעווער. מיר וועלן זיי פאָרשטעלן דעם לייענער און זייער טעטיקייט, קאַמף, מאַרטירערטום און העראָיִזם.

די סאַמע ערשטע גרויסע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין די ערשטע וואָכן פון דער אָקופּאַציע, איז געווען די „סאָלידאַריטעט". איר אויפגאַבע איז נישט בלויז באַשטאַנען אין טראָגן מאַטעריעלע און מאָראַלישע צוהילף אַלע קרבנות פון היטלעריזם, נאָר דער עיקר צו געבן די פּאָליטישע פּערספּעקטיוו פון ווידערשטאַנד קעגן שונא, דורך אָרגאַניזירן אויף אַ ברייטן מאַסשטאַב די יידישע באַפעלקערונג.

דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער שלאַכט־אָרגאַניזאַציע „סאָלידאַריטעט" איז געווען דער פּאָפּולערער און דורך אַלעמען באַליבטער דוויד קוטנער (אמתר נאָמען אהרן סקראָבעק, אין ווארשע האָט מען אים געקענט מיטן נאָמען מענדל סקראָבעק).

דוויד קוטנער איז אין עלטער פון 14 יאָר שוין געווען אַ מיטגליד אין ווארשעווער פּאַפּיר־פּאַראיין. צו 17 יאָר אַן אָנגעזעענער יוגנט־טוער, און ווי אַ 23יאָריקער בחור איז ער שוין דער אַלגעמיין באַליבטער סעקרעטאַר פון ווארשעווער טעקסטיל־פּאַראיין. זייַן רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, זייַן מוט און אומדערשראָקנקייט זענען כסדר באַגלייט מיט רעפּרעסיעס, תפיסות. צום סוף פאַלט ער אַרייַן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע.

זינט 1936 איז ער אין פּאַריז. זייַן בראשור וועגן קאַרטוז־בערעזע האָט דעמאָלט געמאַכט אַ שטאַרקן אייַנדרוק. ווי רעדאַקטאָר פון „נייַע פּרעסע" ווידמעט ער זייַן טאַלאַנט און כוחות דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און די וואַקסנדיקע פאָלקס־כוחות אינעם פאַרגעשריטענעם פראַנקרייַך.



מיט אַ פּילפאַכער ענערגיע אַרבעט ער אין דער אומלעגאַלער „רעזיסטאַנס"־באַוועגונג.

סוף 1942 ווערט קוטנער אַרעסטירט בייַ דער אַרבעט. ער ווערט שוידערלעך געפּייַניקט, אָבער ער האַלט אויס. די נאַצים דעפּאָרטירן אים קיין נאַצווילער. אינעם דאָזיקן שרעקלעכן לאַגער האָט דוויד אויסצושטיין אוממענטשלעכע טאָרטורן. ווען ער זעט אַז ער וועט שוין לאַנג נישט אויסהאַלטן, בעט ער זייַן חבר זשאַן לעמבערגער אַז אין פאַל יענער וועט אַרויס אַ לעבעדיקער, זאָל ער איבערגעבן זייַנע אייגענע די ווייַטערדיקע ווערטער:

„...איך האָב אָן מורא געקוקט דעם טויט אין די אויגן... זאָג זיי אַז איך בין געשטאָרבן מוטיק, מיטן פולן באַוווסטזייַן אַז איך האָב געטאָן מייַן פליכט און מיטן טיפסטן גלויבן אין זיג און אין אַ בעסערן מאָרגן".

דאָס זענען געווען די לעצטע ווערטער פון דעם מענטש וואָס האָט 30 יאָר פון זייַן לעבן אַוועקגעגעבן פאַר די מענטשלעכע אידעאַלן.

אונטער דער אָקופּאַציע האָט די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אָנגענומען אַ גאָר אַנדער פאָרעם און ריכטונג. זינט אויגוסט 1942 איז די צווישנסינדיקאַלע קאָמיסיע איבעראָרגאַניזירט געוואָרן אויף יסודות פון אומברחמנותדיקן קאַמף, ווידערשטאַנד, סאַבאָטאַזש פון דער מלחמה־פּראָדוקציע. זי רופט אַרייַנצוטרעטן אין די פּאַרטיזאַנען־רייען און צו קעמפן מיט געווער אין האַנט.

יצחק קראַסוצקי, יאַנקל סטודניאַ און יאָסל וואַרשאַווסקי (אמתר נאָמען דאַרעמבוים) זענען איידער זיי זענען געקומען קיין פראַנקרייַך, געווען זייער אַקטיוו אין דער ווארשעווער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אין פראַנקרייַך זענען זיי ביזן קריג געשטאַנען אין שפּיץ פון דער סינדיקאַלער באַוועגונג, האָבן אָנגעפירט מיט לוינקאַמפן, אָרגאַניזירט שטרייַקן, געטראָגן הילף די קעמפער אין שפּאַניע. אונטער דער אָקופּאַציע זענען די דאָזיקע מוטיקע ווארשעווער בראש פון קאַמף אין די יידישע אַטעליעס, ווארשטאַטן און פאַבריקן. יצחק פירט דערפאָלגרייַך פון סאַמע אָנהייב דעם סאַבאָטאַזש אין שטריקערפאַך. זייַן טעטיקייט ברייטערט זיך אויס באַלד אויף אַנדערע צווייַגן: פעלץ, לעדער און אַנדערע. סטודניאַ פירט אָן מיט דער סאָלידאַריטעט־טעטיקייט לטובת די קרבנות אָדער זייערע פאַמיליעס. ער אָרגאַניזירט סאַבאָטאַזש און רעקרוטירט חברים אין דער פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג.

דעם 20טן יאַנואַר ווערן קראַסוצקי און סטודניאַ אַרעסטירט בעת זיי זענען ביידע אויף אַ טרעפפּונקט כדי צו דערליידיקן אַ רייַ ענינים. זיי ווערן דעפּאָרטירט. אין אַ חודש אַרום ווערן זיי דערמאָרדעט אין גאַזקאַמער פון בירקענוי.

יאָסל וואַרשאַווסקי איז אין ווארשע און אין פּאַריז געווען זייער פּאָפּולער צווישן די שיכאַרבעטער. אין פראַנקרייַך האָט ער פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ווי אַ מיטגליד אין דער אָנפירונג פון „געזערד" ווערט ער דעלעגירט קיין בירעבידזשאַן. ער איז סעקרעטאַר פון דער גרויסער אָרגאַניזאַציע „פריינד פון נייַע פּרעסע" און מיטגליד פון דער יידישער קאָמיסיע בייַ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אונטער דער אָקופּאַציע איז ער אַקטיוו אין דער סינדיקאַלער באַוועגונג און אין דער „סאָלידאַריטעט" ספּעציעל נאָכן מאַסן־פּאָגראָם פון 16טן יולי 1942.

אין פעברואַר 1943 ווערן יאָסל און זייַן פרוי פּאָלאַ אַרעסטירט און דעפּאָרטירט קיין אוישוויץ. פּאָלאַ איז באַלד אומגעקומען. יאָסל און אַן אַנדערער פּאַריזער אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער, יאַנקל האַנדלסמאַן פון ראַדאָם, האָבן זיך געפונען אייַנגעגלידערט אין דער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע אין שוידערלעכן קאָנצענטראַציע־לאַגער. יאָסל וואַרשאַווסקי און יאַנקל האַנדלסמאַן האָבן זיך געשטעלט אין שפּיץ פון ווידערשטאַנד אין בירקענוי אין סעפּטעמבער 1944. די אויפשטענדלער האָבן געכאַפּט דעם דייַטשן אייבערקאַפּאָ און אים אַ לעבעדיקן אַרייַנגעשליידערט אין קרעמאַטאָריע... זיי האָבן איבערגעשניטן די דראָט־פאַרצוימונגען און אויפגעריסן די קרעמאַטאָריע נומער 3. בלוטיק איז געווען די נקמה פון די נאַצים. יאַנקלען האָט מען געכאַפּט אַ לעבעדיקן... מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז ער עפנטלעך דערשאָסן געוואָרן. דער

העלדישער יאנקל האנדלסמאן איז געפאלן מיטן אויסגעשריי: „דער זיג איז אונדזערער".

שאָרל בערקאָוויטש (געבוירן אין ווארשע אין 1903) איז געווען פון די יינגסטע יאָרן אַקטיוו אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. מיטן אויסבראָך פון קריג טרעט ער אַרײַן ווי אַ פרײַוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי צו קעמפן קעגן היטלעריזם. זינט די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע איז ער איינער פון די אַקטיווסטע אָרגאַניזאַטאָרן פון די לעדער־ארבעטער. אָנהייב 1942 ווערט ער אַרעסטירט. ער ווערט געשלעפּט פון תפיסה צו תפיסה און טראָגט איבער די שווערסטע פּײַניקונגען. אינעם לעצטן קאַרטל ערב דער דעפּאָרטאַציע שרײַבט ער וועגן זיך אַז ער איז „...מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, שטאָלץ דערמיט וואָס איך בין געבליבן טרײַ מײַן קלאַס און פול מיט צוטרוי אין דער צוקונפט".

קלמן גאָלדפאַרב איז נאָך אין ווארשע געווען באַקאַנט ווי אַן אַקטיווער טוער אין דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון שטריקערפאַך. ער האָט זײַן טעטיקייט פאָרגעזעצט אין פּאַריז.

אונטער דער אָקופּאַציע איז ער געווען איינער פון די אַקטיווסטע בײַם אָרגאַניזירן דעם סאַבאָטאַזש אין די שטריקערײַ־אויסאַרבעטונגען. עס איז געווען צו באַוווּנדערן דעם קליינוווּקסיקן, ברייטפּלייציקן קלמנען (נאָענט צו די 60ער יאָרן), מיט וואָס פאַר אַ דינאַמיזם און ברען ער האָט אויסגעפירט זײַן אַרבעט פון סאַבאָטאַזש און סאָלידאַריטעט לטובת די קרבנות פון נאַציזם. לעבנדיק אומלעגאַל איז ער כמעט יעדן טאָג אַרײַנגעפאַלן אין אַן אַבלאַווע פון וועלכער עס פלעגט אים געלונגען זיך אַרויסצורײַסן. אין 1942 איז ער אַרעסטירט געוואָרן און דעפּאָרטירט געוואָרן אין די אומקום־לאַגערן.

לעאָן גאָלדמאַן, געבוירן אין 1900 אין ווארשע, איז דאָרט פון די יינגסטע יאָרן אַ מעטאַל־אַרבעטער און אַקטיוו צווישן די יוגנטלעכע מעטאַלאָוועס אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אין פּאַריז איז ער טעטיק זינט 1923 אין דער סינדיקאַלער באַוועגונג. אין צײַט פון דער אָקופּאַציע איז ער מיטגליד אין דער אומלעגאַלער צווישנסינדיקאַלער קאָמיסיע. זייער אַקטיוו בײַם אָרגאַניזירן דעם סאַבאָטאַזש איז ער גלײַכצײַטיק טעטיק בײַם דורכפירן די סאָלידאַריטעט לטובת די אינטערנירטע און זייערע פאַמיליעס. זײַענדיק אינטערנירט אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער פון דראַנסי, האָט ער זיך דאָרט פאַרבונדן מיט דער געהיימער אָרגאַניזאַציע. ער שיקט בסדר אַרויס בריוו און ליסטעס מיט נעמען וועמען עס איז נייטיק צו געבן דרינגענדיקע הילף. אין מאַרץ 1942, נאָך שרעקלעכע לײַדן, איז דער גוטהאַרציקער און פּשוטער לעאָן גאָלדמאַן אומגעקומען אין אוישוויץ.

שאָרל גאָלדמאַן, (געבוירן אין ווארשע אין 1904), אַ שנײַדער־אַרבעטער. אין פּאַריז איז ער געוואָרן אַן אַקטיווער מיטגליד אין סינדיקאַט. ווי אַן ערלעכער אַרבעטער האָט ער אונטער דער אָקופּאַציע נישט אויפגעהערט צו זײַן טעטיק. בעת דער גרויסער מאַסן־אַבלאַווע פון 16טן יולי 1942 זענען שאַרל און זײַן פרוי אַרעסטירט געוואָרן. פאַרן דעפּאָרטירט ווערן האָט ער נאָך געהאַט די לעצטע מאָראַלישע סאַטיספאַקציע: עס איז אים געלונגען אַרויסשיקן פונעם דראַנסי־לאַגער דאָס געזעלשאַפטלעכע געלט וואָס ער האָט געהאַט בײַ זיך באַהאַלטן און וואָס ער האָט באַטראַכט ווי אַ הייליק אומבאַרירלעך אייגנטום פון דער רעזיסטאַנס.

אַבֿרהם גערצמאַן, געבוירן אין ווארשע אין 1882, איז דאָרט געווען אַן אַקטיוויסט אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די געגריוועטע שוסטער. אין פּאַריז איז אַבֿרהם איינער פון די גרינדער פון דעם סינדיקאַט פון די שיכאַרבעטער. טראָץ זײַן שווערער האַרצקראַנקייט באַטייליקט ער זיך ענערגיש אונטער דער אָקופּאַציע אין אַלע אַקציעס פון דעם סינדיקאַט. ער ווערט אַרעסטירט דעם 16טן יולי, דערנאָך דעפּאָרטירט און אומגעבראַכט.

וואָלף שטאַרגאַרד, געבוירן אין ווארשע אין 1897, איז טעטיק אין פּאַריז אין פאַרשידענע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס און זינט 1930 איז ער, אַלס פּרעסער־אַרבעטער, אין דער פאַך־קאָמיסיע פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אָנהייב קריג טרעט ער אַרײַן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי צו קעמפן קעגן נאַציזם. נאָכן ווערן דעמאָבילוזירט גיט ער זיך אָפּ מיט לײַב און לעבן דער אומלעגאַלער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. ער ווערט געמסרט און אומגעבראַכט אין אַ דעפּאָרטאַציע־לאַגער.

איגנאַץ שטראָספויגל, געבוירן אין ווארשע אין 1901, איז דאָרט פון די יינגסטע יאָרן אַקטיוו אינעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די שטעפּערס.

אין פּאַריז שפּילט ער ווי אַ סינדיקאַלער טוער אַ וויכטיקע ראָלע בעת די גרויסע אַרבעטער־קאַמפן פון 1936. ער איז זייער באַליבט בײַ די יידישע און פראַנצויזישע אַרבעטער פונעם שטעפּערפאַך. אונטער דער אָקופּאַציע זעצט ער פאָר מיט דעם זעלבן מוט זײַן טעטיקייט אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג ביז 1943, ווען ער פאַלט אַרײַן אין די לאַפּעס פון דער פּאָליציי און ווערט דעפּאָרטירט.

פרידמאַן, געבוירן אין ווארשע אין 1886, געקומען קיין פּאַריז פאַרן ערשטן וועלטקריג. אַ פאָטער פון עלף קינדער איז ער פון דעסט וועגן אַקטיוו אינעם פאַראיין פון די היטל־מאַכערס. זינט די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע איז ער טעטיק אין דער רעזיסטאַנס. אין אויגוסט 1940 ווערט ער אַרעסטירט בײַם קלעפּן אומלעגאַלע אויפרופן און פאַרמשפּט אויף צען יאָר תפיסה. נאָכן אָפּזיצן איין יאָר ווערט פרידמאַן דערשאָסן ווי אַן ערובניק.

אינעם שווערן, אומגלײַכן קאַמף פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג זענען אויף אַלע סעקטאָרן פון דער רעזיסטאַנס־נעץ געווען העלדישע פרויען. צווישן די דאָזיקע געפינען מיר ווארשעווערינס וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער מוט. מיר וועלן זיך נאָך ווײַטער בײַ יעדער געלעגנהייט אומקערן צו די דאָזיקע העלדישע געשטאַלטן, ווען מיר וועלן באַהאַנדלען יעדעס געביט באַזונדער. דערווײַל לאָמיר זיך באַקענען מיט די וואָס זענען געווען טעטיק אין דער סינדיקאַלער באַוועגונג.

אָלגאַ שאַרפשטיין (מיידלשער נאָמען ראָזענבערג), אַ שנײַדערין, איז קיין פראַנקרײַך געקומען האַרט פאַרן קריג. ווען איר מאַן ווערט אינטערנירט אין לאַגער פּיטיוויע (מײַ 1941) בלײַבט זי מיט אַ פּיצל קינד און מוז שווער האָרעווען כדי זיך אויסצוהאַלטן. זינט דעמאָלט ווערט זי אַקטיוו בײַם פאַרשפּרייטן די אומלעגאַלע פּרעסע. זי באַמיט זיך דאַן אָנגענומען צו ווערן ווי אַ קעמפערין אין אַ פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג. די אָנפירונג פון דער באַוועגונג באַשטימט זי אויף אַן אַנדערן פּאָסטן. זי ווערט פאַרבינדלערין צווישן די סינדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס. עס איז אַן אַרבעט אַ שווערע און אַ געפערלעכע.

אין יוני 1943, ווען עס קומט פאָר אַ דורכפאַל אין דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און עס ווערן אַרעסטירט זיבעציק מיטגלידער, פאַלט אויך אַרײַן אָלגאַ שאַרפשטיין. אַ חודש צײַט ווערט זי געפּײַניקט, אָבער קיין איין וואָרט רײַסט זיך נישט אַרויס פון איר מויל. זי ווערט דעמאָלט דעפּאָרטירט און אין עטלעכע וואָכן אַרום דערמאָרדעט אין אוישוויץ.

לויז שפּערעק איז געבוירן געוואָרן אין 1911 אין אַן אַרבעטער־פאַמיליע. אַלט זײַענדיק 15 יאָר קומט זי צוזאַמען מיט איר פאַמיליע קיין פּאַריז. פאַרן קריג איז זי אַקטיוו צווישן דער אַרבעטער־יוגנט. זי איז מיטגרינדערין פונעם ספּאָרטקלוב בײַם אַלגעמיינעם באַקלייד־סינדיקאַט און איז אויך אַקטיוו אין יידישן אַרבעטער־ספּאָרטקלוב („יאַסק"). ביז דער מלחמה ווײַזט לויז אַרויס אירע פעיִקייטן אויף דרײַ באַזונדערע געביטן: ווי אַ יוגנט־טוערין, ווי אַ ספּאָרטלערין, ווי אַ מיטגליד פון דער פּראָפּאַגאַנדע־קאָמיסיע פון מענער־קאָנפעקציע. וועגן אירע ענערגישע אויפטוען אין צײַט פון דער אָקופּאַציע וועלן מיר באַלד דערציילן. נאָכן אַרעסטירן זי דעם 16טן יולי איז שפּערעק אומגעקומען מיטן טויט פון אַ מאַרטירערין.

אַזוי זעען מיר אַז בלויז אויפן געביט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג האָבן די ווארשעווער געצאָלט אַ בלוטיקן מאַרטירער־שטײַער. זיי האָבן הויך געהאַלטן די פאָן פון קאַמף. אָבער אויך אויף אַנדערע סעקטאָרן פון דער רעזיסטאַנס טרעפן מיר העלדישע געשטאַלטן פון ווארשעווער.



גרשון שור (מישאַ רעגער) פּאָליטישער קאָמיסאַר פון דער באַטווין קאָמפּאַניע.



מאַרסעל ריימאַן, פּאַרטיזאַנען־פירער — מ׳האָט אים גערופן „טשאַפּאַיעוו".



אַלעק גוס, רעדאַקטאָר פון באַטווין־צײַטונג.



סעוועק פון בעלוויל, מילי־ציאָנער אויפן וואַכפּאָסטן פון פרײַהייט.




אַ דײַטשער נאַצי־פּלאַקאַט פון דערשאָסענע פּאַרטיזאַנער, צווישן זיי די וואַרשעווער ייִדן פינגערצווייַג און ריימאַן



אַנקע וואַקסבערג, טעכניקערין פון דער ווידערשטאַנד־
פרעסע, דערשאָסען



מאָריס פינגערצווייַג, איינער פון די „23" דערשאָסענע



מאיר (מאַריאָ) מלעטשאַק, העלדישער וואַרשעווער אָנטייל נעמער
אין דער רעסיסטאַנס, דערשאָסן.



יצחק קראַסוצקי, אָנטייל נעמער אין דער
רעסיסטאַנס, דערשאָסן.



דוויד קוטנער (וואַרשעווער נאָמען מענדל סקראָבעק) רעדאַקטאָר פון „נייער פרעסע", דערשאָסן.



יצחק (זשאַק) גרינבוים, יוגנט־אַקטיוויסט פון דער רעסיסטאַנס — דערשאָסן.



עקזעקוציע סצענע פון איינעם פון די איינגעוואַנדערטע פּאַרטיזאַנער, זײַן אידענטישקייט איז נישט פעסטגעשטעלט. מיט נישט צוגעבונדענע אויגן לאַכט ער אַריין אין פּנים פון זיינע מערדערס.

## וואַרשעווער אין דער ציווילער רעזיסטאַנס

דעם 14טן מײַ 1941 פירט דורך די דײַטשע אָקופּאַציע־מאַכט די ערשטע גרויסע אַבלאַווע. זי נאַרט אַרײַן אויף אַ כיטרע אופן קנאַפּע 4.000 ייִדן און פאַרשפאַרט זיי אין די צוויי ערשטע אין פראַנקרײַך קאָנצענטראַציע־לאַגערן פּיטיוויע און באָן לאַ ראָלאַנד.

די פּאַריזער רעזיסטאַנס־באַוועגונג אָרגאַניזירט באַלד גרויסע אַקציעס לטובת די אינטערנירטע און העלפט זיי צו אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד אינעווייניק.

עס ווערן אָרגאַניזירט מאַסן־מאַניפעסטאַציעס פון פרויען פון די אינטערנירטע פאַר די לאַגערן פּיטיוויע און באָן־לאַ־ראָלאַנד. אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע מאַניפעסטאַציעס געפינען מיר די וואַרשעווער חנה רעפּקאָווסקי, איינע פון די אָנפירערינס פון דער אומלעגאַלער פרויען־באַוועגונג, און לויִז שפּערעק וועלכע איז אונדז שוין באַקאַנט ווי אַ סינדיקאַלע טוערין און וואָס האָט זיך אין דעם דאָזיקן פּעריאָד פאַרנומען מיט הילף און סאָלידאַריטעט־אַרבעט לטובת די פאַמיליעס פון די אינטערנירטע.

די מאַניפעסטאַציעס פאַר די לאַגערן זענען געווען זייער שטורמישע און זענען פאָרגעקומען אונטער דער לאָזונג: באַפרײַט אונדזערע מענער און קינדער! נעמט אָן פּעקלעך און בריוו! דערלויבט זעונגען!

די דאָזיקע דעמאָנסטראַציעס זענען געוואָרן אַלץ דראָענדיקער, אַזוי אַז אין אַ געוויסן מאָמענט האָט די מאַכט געמוזט פאַרלײַכטערן דעם רעזשים און נאָכגעבן געוויסע פאָדערונגען.

לויִז שפּערעק האָט פאַר איר מוט באַצאָלט מיטן לעבן. חנה רעפּקאָווסקי איז אָפּגעקומען מיט תפיסה, זי האָט אָבער באַצאָלט אַ בלוטיקן שטײַער. איר מאַן מאָריס רעפּקאָווסקי איז אין פּיטיוויע געווען אַקטיוו אין דער געהיימער אָרגאַניזאַציע. אַרבעטנדיק אין דער שוסטער־אַטעליע פלעגט ער אַרײַנקלאַפּן אין אַלטע שיך, אויף אַרויסצושיקן, געהיימע דאָקומענטן און געלט פאַר דער רעזיסטאַנס. מאָריס איז דערמאָרדעט געוואָרן אין אוישוויץ.

זייער זון אַנרי רעפּקאָווסקי איז שוין אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע אַן אַקטיווער טוער צווישן די שילער פון ליציי וווּ ער לערנט. ער ווערט זייער רעספּעקטירט דורך זײַנע חברים און דורך די לערער צוליב זײַנע אויסערגעוויינלעכע פעיִקייטן, אָבער ער ווערט דאָך אַרויסגעוואָרפן פון ליציי. ער ווערט אָבער נישט אַנטמוטיקט און אַנטוויקלט ערשט דאַן אַ ברייטערע אַרבעט צווישן דער יוגנט ביז ער איז געפאַלן אויף זײַן פּאָסטן. ער איז דעפּאָרטירט געוואָרן אין אומקום־לאַגערן.

צווישן די שרײַבער און זשורנאַליסטן געפינען מיר אין פּאַריז אַ חוץ עלסקין, דזשאַלאָווסקין זינט 1929. ער האָט מיטגעאַרבעט אין „נײַע פּרעסע”, „ליטעראַרישע בלעטער”, „אילוסטרירטע וואָך”, „די פּרעסע” (אַרגענטינע), „פּאַריזער זשורנאַל”. זײַן בוך פּאָעזיע „אַ ברויט מיט אַ מעסער” איז אויף סאָציאַלער טעמאַטיק. מען האָט אים דעפּאָרטירט אין 1943.

יאַנקל שפּאַן, איז געבוירן אין וואַרשע אין 1910. ווי אַ מיטאַרבעטער אין „ליטעראַרישע טריבונע” ווערט ער כסדר פאַרפאָלגט און מאַכט דורך פאַרשידענע תפיסות. זינט 1936 איז ער אין פּאַריז. ער איז מיטאַרבעטער אין „נײַע פּרעסע” און „פּאַריזער זשורנאַל”. זיין בוך „אויפן שווערן גרונט”, באַהאַנדלט דאָס לעבן אין פּאַלעסטינע, וווּהין ער איז מיט זײַנע עלטערן געפאָרן אַלט זײַענדיק 14 יאָר. דעפּאָרטירט אין 1943.

אין לאַגער באָן־לאַ־ראָלאַנד איז איינער פון די אָנגעזעענסטע טוער פון דער רעזיסטאַנס דער וואַרשעווער יצחק פורמאַנסקי. אַן אינזשיניער פון פאַך, מיט אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער דערפאַרונג, קעמפט ער צוזאַמען מיט די איבעריקע מיטגלידער פון קאָמיטעט כדי אונטערצוהאַלטן די מאָראַל פון די אינטערנירטע, צו באַשיצן זייער געזונט, צו הייבן זייער קולטורעלן ניוואָ. צוליב זײַנע שטענדיקע באַמיִונגען לטובת די לײַדנדיקע גיבן אים די אינטערנירטע דעם צונאָמען „דער בירגערמײַסטער פון באָן־לאַ־ראָלאַנד”. ער איז באַזונדערס אַקטיוו צווישן דער יוגנט פון לאַגער, און צוזאַמען מיט אַנדערע העלפט ער אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפן. אויך אויף דער דעפּאָרטאַציע אין אוישוויץ זעצט ער פאָר דעם קאַמף אין דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע. הײַנט איז ער גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם „פאַרבאַנד פון די געוועזענע ייִדישע דעפּאָרטירטע אין פראַנקרײַך”.

צווישן די אינטערנירטע איןביידע לאַגערן האָבן זיך נאָך געפונען אַנדערע וואַרשעווער, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע, גאָר באַזונדערס צווישן דער יוגנט. אין פּיטיוויע איז דער אָנפירער פון דער יוגנט געווען מאָריס פּעפּערמאַן וועגן וועלכן מיר וועלן באַלד עפּעס זאָגן.

אין באָן־לאַ־ראָלאַנד זעען מיר אין דער אָנפירערשאַפט פון דער געהיימער יוגנט־אָרגאַניזאַציע ק. בירנבוימען, אַ טאַלאַנטפולן 19 יאָריקן בחור. ספּאָרטמעניש, מוזיקאַליש, מיט אַ זייער ברייטער אַלגעמיינער קולטור, האָט ער אַ גרויסן אײַנפלוס אויף דער יוגנט. עס איז אויך דאָ אַלעקס פינגערצווײַג, אַ ברודער פון באַרימטן פּאַרטיזאַן (זע ווײַטער) אַן איין און צוואַנציק יאָריקער קאָמוניסט, אַ שטילער און באַשיידענער, מיט זײַנע גרויסע מעלות און אינטעליגענץ האָט ער באַוויזן צו רעאַליזירן אַ גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט. דער דריטער פון קאָמיטעט, אַ וואַרשעווער סטודענט, (זײַן נאָמען איז צום באַדויערן, פאַרגעסן געוואָרן) האָט מיט לײַב און לעבן געאַרבעט פאַר זײַנע אינטערנירטע חברים. זיי זענען אַלע דעפּאָרטירט געוואָרן און אומגעקומען.

אין האַרבסט 1941, ווען די פראַנצויזישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט מיט איר פאַרנעם איבערראַשט די אָקופּאַציע־מאַכט, האָבן די בלוטיקע נאַציס מיט שטולפּנאַגל, פאָן שאַומבורג, אָבערג און קנאָכן בראָש אָנגענומען די סאַמע דראַקאָנישסטע מאָסמיטלען כדי אונטערצודריקן די פראַנצויזישע רעזיסטאַנס. דעם קולמינאַציע־פּונקט פון די רעפּרעסיעס פון יענער צײַט איז געווען דאָס דערשיסן דעם 15טן דעצעמבער 100 „יודעאָ־קאָמוניסטן”. צווישן די 48 ייִדן געפינען זיך פיל וואַרשעווער. מיר וועלן זיך בלויז אָפּשטעלן אויף די וועגן וועלכע מיר האָבן אַבסאָלוט זיכערע ידיעות.

ישראל (משה) בורשטין, געבוירן אין 1896. אין פאַרמלחמהדיקן פּאַריז האָט ער פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט ווי אַן ענערגישער טוער פון די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס און ווי אַ מיטגרינדער פון קליינהענדלער־פאַראיין, וועלכן ער האָט געפירט אין די וועגן פון אַ ברידערלעכער צוזאַמענאַרבעט מיט די פראַנצויזישע קליינהענדלער. ישראל בורשטין איז באַזונדערס נאָענט דעם ייִדישן ייִשוב אין פראַנקרײַך ווי איינער פון די בויער און לאַנגיאָריקער „זשעראַנט” (פאַרוואַלטער) פון דער פּראָגרעסיווער פאָלקס־צײַטונג ”נײַע פּרעסע”. ישראל איז געפאַלן, אָבער זײַן פאַמיליע איז געגאַנגען אין זײַנע וועגן און ווײַטער פאָרגעזעצט דעם קאַמף אין דער רעזיסטאַנס־באַוועגונג. דער עלטערער זון מאָריס איז געוואָרן קאַפּיטאַן בײַ די פּאַרטיזאַנען, דער ייִנגערער 16 יאָריקער לעאָן איז אויף זײַן קאַמפּספּאָסטן אַרעסטירט געוואָרן. אין מײַ 1944 האָט מען דעם מוטיקן לעאָן צוריקגעבראַכט מיט אַן אַוויאָן פון דעם באַפרײַטן אוישוויץ, כדי נאָך צו זען זײַן מוטער און פאַמיליע איידער ער האָט אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם.

אַלבערט באַרנהיים, געבוירן אין 1916, געוועזענער קעמפער אין שפּאַניע, געווען אינטערנירט אין דראַנסי, צום סוף דערשאָסן. זײַן רירנדיקן לעצטן בריוו, וועלכן ער האָט דעמאָלט אַרויסגעשיקט, איז דורך דער רעזיסטאַנס פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די ייִדישער באַפעלקערונג אויף די געהיימע פאַרזאַמלונגען. ער האָט איבערגעלאָזט אַ יונגע פרוי פון 23 יאָר מיט אַ זויגקינד. די פרוי איז געוואָרן אַקטיוו אין דער רעזיסטאַנס, אָבער זי איז שפּעטער אומגעקומען צוזאַמען מיטן קינד.

זשאַק (יצחק) גרינבוים איז געבוירן געוואָרן אין אָקטאָבער 1920. אַן אַקטיווער טוער פון דער יוגנט־רעזיסטאַנס איז ער צוזאַמען מיט זײַנע חברים דערשאָסן געוואָרן אויפן באַרג וואַלעריען („מאָן־וואַלעריען”). כדי צו זען זײַן מוטיקע האַלטונג איז גענוג צו לייענען די ווײַטערדיקע שורות פון זײַן לעצטן בריוו. „... איך שטעל מיר פאָר אײַער צער. ווען איך בין רייף געוואָרן צו גרינדן אַ היים און ווען איך האָט געקלערט וועגן דעם, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט דעם נחת וואָס איר וואָלט געהאַט בײַם אַלט ווערן, (וואָסער אירָאָניע צו שרײַבן דאָס צײַטוואָרט „אַלט ווערן”) צו זען מײַנע דערוואַקסענע קינדער. און איך האָב זיך צוגעזאָגט זיי אויפ־

צוהאָדעווען ווי איר האָט מיך דערצויגן: ערלעכע און אויפריכטיקע, מוטיקע אויך מיט מוט אויף יעדן נסיון, אפילו אַזאַ וואָס איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן. זיין שטאַרק! איך בין דאָס. מוטיק — ווי מען דאַרף זיין".

יצחק גורא איז פון וואַרשע אַוועק, פאַרפאָלגט צוליב זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אין פּאַריז איז ער געווען איינער פון די גרינדער פון יידישן פאָלקסאָרדן. ער האָט געהאַלטן אַ קליינעם רעסטאָראַן, וווּ עס פלעגן פאָרקומען געזעלשאַפטלעכע פאַרזאַמלונגען, אויך אומלעגאַלע אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע. די דריי רעוויזיעס וואָס מען האָט ביי אים דורכגעפירט אין דער היים און אין רעסטאָראַן האָבן געגעבן גענוגנדיקע באַווייזן פון זיין טעטיקייט. דעם 15טן יולי 1942 איז ער אַן אַ משפט דערשאָסן געוואָרן. אויף מאָרגן דעם 16טן יולי איז מען געקומען נעמען זיין פרוי. דער 16 יאָריקער זון בערנאַרד, אַ מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער יוגנט, האָט געקענט בלייבן, ער האָט אָבער נישט געוואָלט לאָזן אַליין אַוועקפירן די אַלטע מוטער און זיי זענען ביידע אומגעקומען.

ביי גוראס שוועסטער פרומעט און שוואָגער הערשל וואָלמאַרק איז געווען איינגעאָרדנט אַ געהיימע דרוקעריי (אויף 14 רי מאָראָ) פון דער יידישער רעזיסטאַנס. אין דער דאָזיקער דרוקעריי זענען געווען פאַרבינדלערינס אַנקאַ וואַקסבערג און אַוויוואַ. די דרוקעריי איז דורכגעפאַלן און ביידע פרויען זענען אומגעקומען.

אַנקאַ וואַקסבערג איז אין די וואַרשעווער קאָמוניסטישע קרייזן גיכער געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען אַנקע דראָזשקאַזש. אין פּאַריז איז זי אין אָנהייב פון דער אָקופּאַציע געווען טעטיק אין דער אומלעגאַלער פרויען־באַוועגונג ביי דער „סאָלידאַריטעט". זי האָט זייער אַקטיוו געאַרבעט צו שטיצן די קרבנות פון דער אָקופּאַציע.

די גאַנצע פאַמיליע וואָלמאַרק איז געווען אַקטיוו אין דער רעזיסטאַנס. די מוטער פרומעט איז געוואָרן דעפּאָרטירט און איז צוריקגעקומען, דער זון, אָבער, שאַרל וואָלמאַרק האָט געהאַט אַן אַנדער גורל.

שאַרל וואָלמאַרק, געבוירן אין 1921 אין וואַרשע, קומט צוזאַמען מיט זיינע עלטערן קיין פּאַריז אין עלטער פון דריי יאָר. ער איז פון אָנהייב טעטיק אין דער קינדער־באַוועגונג און אין 1941 ווערט ער אַרעסטירט צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים אין דער פּאַריזער אומגעגנט, וווּ ער איז אַרויסגעפאָרן פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע צייטונגען. מען פאַרמשפּט אים אויף 5 יאָר. ער זיצט אין דער פעסטונג ווילנעוו־סען־זשאָרזש. עס געלינגט אים צו אַנטלויפן. אין דער דרום־זאָנע איז ער טעטיק אין דער יוגנט פון טולוז. שפּעטער ווערט ער סעקרעטאַר פון געגנט־קאָמיטעט פון דער יידישער קאָמוניסטישער יוגנט אין גרענאָבל און אין דעצעמבער 1943 ווערט וואָלמאַרק אָנפירער פון די קאַמפגרופּעס אין גרענאָבל און אומגעגנט. אין יולי 1944 ווערט ער אַרעסטירט דורך די ס"ס און אין אַ וואָך שפּעטער דעם 31טן יולי, ווערט שאַרל דערשאָסן אין איינעם מיט נאָך 11 חברים, אין מיטן פעלד.

(מאַרישאַ) מרים דיאַמענט, געבוירן אין 1911. ווי אַ 17 יאָריק מיידל איז זי שוין געווען די אָנפירערין פון דער אומלעגאַלער טעכניק ביים שטאָט־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע. שפּעטער פירט זי אָן מיט דער זעלבער אַרבעט ביי דער וואַרשעווער יוגנט. זיצנדיק פאַרשפּאַרט אין וואַרשעווער תפיסה הערט זי נישט אויף צו שטודירן. עס געלינגט איר זיך אַרויסצורייסן. זי ווערט אין 1933 דורך אירע עלטערן אַוועקגעשיקט קיין פּאַריז. זי אַרבעט אַלס שניידערקע און איז טעטיק אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. זי איז באַזונדערס אַקטיוו אינעם קאָמיטעט צו הילף די אינטערנאַציאָנאַלע קעמפער אין שפּאַניע.

אונטער דער אָקופּאַציע לעבט זי אין מאַרסעל, וווּ, זי איז די צענטראַלע פאַרבינדלערין פון דער מאָ"י (רעזיסטענץ־אָרגאַניזאַציע וואָס נעמט אַרום אַלע איינגעוואַנדערטע). זי פאָרט כסדר אַרום אין צפון ־פראַנקרייך, פּאַריז און דרום און ווייזט אַרויס אַ סך מוט און אינטעליגענץ אין איר אַרבעט. אַ געוויסן אַפּריל־טאָג פון 1942 ווערט מרים פאַרהאַלטן ביי דער דעמאַרקאַציע־ליניע, פאָרנדיק פון פּאַריז. מען געפינט אין איר מאַנטל איינגענייטע דאָקומענטן וועגן ווידערשטאַנד־קאַמף. פון תפיסה צו תפיסה ווערט זי פאַרשלעפּט קיין דייטשלאַנד. אין ברעסלוי ווערט מרים עקזעקוטירט אויפן נאַציישן באַרבאַרישן אופן. איר יונגער קאָפּ פאַלט אַ בלוטנדיקער אונטער דער האַק...

דער דייטשער גייסטלעכער, וואָס האָט איבערגעגעבן די ידיעה, האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „איר דאַרפט אַלע בעטן פאַר דער נשמה פון מאַריע דיאַמענט — זי איז מוטיק געפאַלן..."

שמעון שטרופּמאַן, געבוירן אין וואַרשע אין 1905. צו 17 יאָר נעמט ער שוין אָנטייל ביים אָרגאַניזירן די יוגנט אין לינקן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אין פּאַריז ווערט שמעון איינער פון די באַליבטסטע טוער פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג. ער איז טעטיק אין סינדיקאַט, אָרגאַניזאַטאָר פון דער אַרבעטסלאָזע־באַוועגונג, מיטגרינדער פון „אַרבעטער־אָרדן".

אין צייט פון דער אָקופּאַציע מיידט ער אויס אַריינצופאַלן אין לאַגער פּיטיוויע (1941) און איז אַקטיוו אין לאַטיינישן קוואַרטאַל צווישן די סטודענטן. ער אָרגאַניזירט די ערשטע סאַבאָטאַזש־גרופּעס. שפּעטער פירט שמעון אָן מיט דער אָרגאַניזאַציע פון סאַבאָטאַזש אין דער פעלץ־אינדוסטריע, וואָס אַרבעט אויסשליסלעך פאַר די דייטשן.

שמעון צייכנט זיך באַזונדער אויס מיט זיין אַקטיוויטעט אין פּאַריז בעת דעם אויפשטאַנד פונעם וואַרשעווער געטאָ. ער פירט דורך צענדליקער אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען אין די פאַבריקן און אַטעליעס גופא, רופנדיק נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פון די וואַרשעווער אויפשטענדלער.

היות ער ווערט פאַרפאָלגט פון דער פּאָליציי, שיקט די אָרגאַניזאַציע אַריבער שמעונען אין דער דרום־זאָנע. שטרופּמאַן ווערט דער פּאָליטישער פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פונעם „פאַרבאַנד פאַר ווידערשטאַנד און קעגנזייטיקער הילף" („אוניאָן") אין דער שטאָט ליאָן און אומגעגנט. דאָס נעמט אַרום אַן אומגעהייער ברייט פעלד פון אַרבעט, אָרגאַניזאַציע, פּראָפּאַגאַנדע, סאָלידאַריטעט און רעקרוטירונג אין די קאַמפגרופּעס.

אין אַפּריל 1944 ווערט שמעון, דער שיין געבויטער מאַן, דער גוטהאַרציקער פאָלקסמענטש און מוטיקער קעמפער, אַרעסטירט.

ביז איצט איז אומבאַקאַנט ווי אַזוי ער איז אומגעקומען. עס איז זייער וואַרשיינלעך, אַז ער איז דורך פּייניקונגען דערמאָרדעט געוואָרן אין די קעלערן פון דער געשטאַפּאָ.

## וואַרשעווער אין די רייען פון די פראַנצויזישע פּאַרטיזאַנען

אין משך פון אַ יאָר דייטשע אָקופּאַציע האָבן די פראַנצויזישע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן אויף אַן אַלץ אַקטיווערן אופן אָרגאַניזירט זייער ווידערשטאַנד, אונטער דער אָנפירונג פון דער פראַנצויזישער־קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון די אומלעגאַלע פּראָגרעסיווע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס.

אויף אַלע אָפּשניטן פון דער רעזיסטענץ האָבן זיך, ווי מיר ווייסן, געפונען יידן סיי אין די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציעס און סיי אין ספּעציעל יידישע. טראָץ דעם וואָס אַ סך פריִער האָבן עקזיסטירט פּאַרטיזאַנען, ווערט די אָפיציעלע דאַטע פון דער אַנטשטייונג פון פראַנצויזישן פּאַרטיזאַנען־קאַמף גערעכנט דער 20טער אויגוסט 1941, ווען דער באַרימטער פראַנצויזישער העלד, דער קאָלאָנעל פאַביען, האָט אין אַ העלן פרימאָרגן אַוועקגעלייגט אַ נאַציישן פלאָט־אָפיציר, אין די אויגן פון הונדערטער פאַסאַזשירן פון אונטערבאַן (מעטראָ).

נאָך פאַר דער דאָזיקער דאַטע האָבן זיך יידישע פּאַרטיזאַנען געפונען אינעם העראָישן באַוואָפנטן קאַמף אין דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע פון די „פראַנצויזישע פרייִשיסער און פּאַרטיזאַנען" (פטפ"פ).

די יידישע פּאַרטיזאַנען געפינען מיר אין: 1) די פראַנצויזישע פּאַרטיזאַנען־איינהייטן און אין די „מאַקים"; 2) די פּאַרטיזאַנען־איינהייטן פון די איינגעוואַנדערטע (רומענישע, אונגאַרישע

א"א); 3) ספּעציפישע ייִדישע אײנהײטן, פאָרמירטע פון ייִדישרעדנדיקע, אין פּאַריז אין דער „2טער אָפּטײלונג" און אין דער דרום־זאָנע אין די „ייִדישע קאַמפּגרופּעס" פון ליאָן, מאַרסעל און אַנדערע שטעט. די „קאַמפּגרופּעס" זענען געװען אָרגאַניזירט דורך דער גרױסער װידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע „פאַרבאַנד פאַר װידערשטאַנד און קעגנזײַטיקער הילף" („אוניאָן").

עס מוז אָבער גלײַך װערן אונטערגעשטראָכן, אַז אַלע פּאַרטיזאַנען אין דער פטפּ"פּ, פון װעלכער בירגערשאַפט זײ זאָלן נישט האָבן געװען, האָבן געבילדעט אײן גרױסע אינטערנאַציאָנאַלע משפּחה. אין זײערע פליכטן און רעכטן זענען די פראַנצױזן, איטאַליענער, ייִדן און אַנדערע, געװען אַבסאָלוט גלײַכע. אַלע זענען געװען באַהױכט מיטן זעלבן קאַמפּגײַסט, מיטן זעלבן אידעאַל.

אין די פאַרשידענע אײנהײטן האָבן זיך געפונען ייִדישע פּאַרטיזאַנען װאָס האָבן געשטאַמט פון װאַרשע. אין די ראַמען פון אונדזערע מעגלעכקײטן װעלן מיר זײ דערמאָנען:

מאָריס פעלד און מאָריס פעפערמאַן, די „אומצעשײדבאַרע חברים", זענען געװען פון די ערשטע ייִדישע פּאַרטיזאַנען אין פראַנצױזישע אײנהײטן.

מאָריס פעלד איז געבױרן געװאָרן אין װאַרשע אין 1927, מאָריס פעפערמאַן — אין 1921. בײדע זענען זײ געקומען מיט זײערע עלטערן פון װאַרשע אַלס 2יאָריקע קינדער.

מאָריס פעלד איז געװאָרן אַ מעכאַניקער און האָט געחלומט צו װערן אַ פּילאָט. שױן אין 1940 װערט ער דורך אַ מסירה אַרעסטירט צוזאַמען מיט זײַנע עלטערן. מען פּײַניקט זײַן מוטער און מאָריסן גופא, זײ זאָלן זיך מודה זײַן. װען די דרײַסטע מוטער װערט אָפּגעמונטערט כדי מען זאָל זי װידער אָנהײבן צו מאַטערן, זענען אירע ערשטע רײד: „זון מײַנער, רעד נישט קײן אײן װאָרט!" און צו די פּאָליצײיִשע מערדער שרײַט זי אױס מיט שטאָלץ: „איר קענט מײַן זון דערהרגענען פאַר מײַנע אױגן, מיר װעלן אײַך גאָרנישט זאָגן! מיר זענען נישט קײן פּחדנים און נישט קײן פאַררעטער".

אָט איז אַ נײַ געשטאַלט אין אונדזער מאָדערנער געשיכטע פון אַ ייִדישער מאַמע. זי איז נישט די אײנציקע.

די העלדישע טאַטע־מאַמע האָבן פאַר זײער מוט באַצאָלט מיטן לעבן. מאָריס פעלד איז נאָך פיר חדשים באַפרײַט געװאָרן; ער איז דאָך קוים 13 יאָר אַלט געװען און קײן קאָנקרעטע באַװײַזן האָט די פּאָליצײ נישט געהאַט. װי נאָר ער איז אױף דער פרײַ קע־רט ער זיך אום צו זײַן יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

מאָריס פעפערמאַן לערנט אין אַ האַנדלסשול. ער האָט ליטעראַרישע פעיִקײטן און שרײַבט פּאָעזיע. פאַר זײַן אומלעגאַלער טעטיקײט שלעפּט מען אים פון אײן תּפיסה צו דער אַנדערער, ביז ער פאַלט אַרײַן אינעם ייִדן־לאַגער פּיטיװיע. דאָרט װערט ער מיטגליד פון דעם אומלעגאַלן רעזיסטאַנס־קאָמיטעט. פעפערמאַן איז דאָרט דער אָנפירער פון דער יוגנט. די װידערשטאַנד־באַװעגונג נעמט אָן מיטלען אים צו העלפן צו אַנטלױפן. פעפערמאַן גײט צוריק צו זײַן יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

אונטער דער אָנפירונג פון באַרימטן קאָלאָנעל פאַביען זענען מאָריס פעלד און מאָריס פעפערמאַן און זײערע חברים שמואל טישעלמאַן (ערשטער דערשאָסענער אין פראַנקרײַך) און אליהו װאָלאַך (פּאַרטיזאַן, דערשאָסן געװאָרן) די, װעלכע ברענגען אַרײַן קײן פּאַריז די ערשטע 25 קילאָ דינאַמיט פאַר דער נאָר װאָס געשאַפענער פּאַרטיזאַנען־אָרגאַניזאַציע.

פעלד און פעפערמאַן זענען פון איצט אָן אין אײן פּאַרטיזאַנען־גרופּע. זײ באַפאַלן דײַטשע אָפיצירן אױף די בולװאַרן, זײ פירן דורך אַקציעס פון סאַבאָטאַזש, אױפרײַסנדיק אַ דײַטשן האָטעל און דורכפירנדיק אַן אַטנטאַט אױף אַ קינאָ, װוּ מען האָט געװיזן דעם אַנטיסעמיטישן פילם „ייִד זיס".

אײן מאָל האָבן זײ בײדע דורכגעפירט אַן אַטנטאַט אױף אַ גרױסער פאַבריק. פעלד איז אַרעסטירט געװאָרן. בײַ זײַנע 15 יאָר האָט ער זיך שױן אין גאַנצן געזען פאַרלױרן... פעפערמאַן איז געװען אױסער יעדער געפאַר. ער איז אָבער צוריק געקומען מיט אַן אימפּעט און געעפנט אַזאַ געדיכטע שיסערײַ, אַז די אָגענטן האָבן געמוזט אָפּלאָזן זײער קרבן. גערירט פונעם דאָזיקן עפּיזאָד האָבן בײדע חברים געשװאױרן אַז „זײ װעלן זיך אײנער דעם אַנדערן קײן מאָל נישט פאַרלאָזן, אַפילו פאַרן פרײַז פונעם לעבן".

דעם 10טן מײַ 1942 האָבן פעלד און פעפערמאַן באַפאַלן אַ האָטעל באַװױנט פון דײַטשן מיליטער. די שטאַרקע װאַך האָט זיך גענומען יאָגן נאָך די פּאַרטיזאַנען אין די געדיכטע פּאַריזער גאַסן, לעבן די גרױסע בולװאַרן. פעלד האָט באַמערקט אַ צופּעליקן בײציקלעט, האָט ער אים אַ כאַפּ געטאָן און איז אַנטלאָפן. פּאָליצײ האָט געהאַפּט צו כאַפּן פעפערמאַנען. עס האָט זיך אָנגעהױבן אַ פאַרביטערטע שלאַכט. אױף דער גאַס דע לאַ מעסאַזשערי האָט פעפערמאַן אַלײן אָנגעהאַלטן דעם קאַמף... פעלד, װעלכער איז שױן לאַנג געװען אױסער געפאַר, האָט דערהערנדיק די שיסערײַ, פאַרשטאַנען אַז זײַן חבר קעמפט אַלײן. ער איז געקומען צו לױפן און די שלאַכט האָט זיך באַנײַט.

פעפערמאַן איז געפאַלן, דורכגעלעכערט פון עטלעכע און צװאַנציק קױלן. פעלד, אַ פאַרװוּנדעטער, איז געבליבן אין תּפיסה דרײַ און אַ האַלבן חודש און נאָך דעם איז ער דערשאָסן געװאָרן.

אַזױ האָבן די צװײ חברים צוזאַמען געקעמפט און זענען צוזאַמען געפאַלן פאַר זײער אידעאַל פון פרײַהײט.

פאַרן הױז װוּ די דראַמאַטישע שלאַכט איז פאָרגעקומען הענגט אַ מאַרמאָר־טאָװל צום אָנדענק פון מאָריס פעפערמאַן. אױף פּאַבור סען דעני געפינט זיך אַ טאָװל צום אָנדענק פון מאָריס פעלד.

יאָסל גאָלדשטײן, דער זון פון הײַנטיקן פּרעזידענט פון דער געזעלשאַפט װאַרשע־אָכאָטע־פּאָװאָנזעק איז געבױרן געװאָרן אין 1916. אָנהײב קריג קעמפט ער אױפן פראָנט קעגן די דײַטשן. ער פאַלט אַרײַן אין געפאַנגענשאַפט פון װאַנען ער אַנטלױפט. ער קעמפט אין דער רעזיסטאַנס אין דעם א"ס (אַרמעי סעקרעט), אין די געגנטן פון מאַרסעל, ליאָן־גרענאָבל. ער פאָרט מיט אַ מיסיע אין איטאַליע און װערט באַפרײַט פון די אַנגלאָ־אַמעריקאַנער. ער קומט צוריק קײן פראַנקרײַך און אין דער רעזיסטאַנס פון דער געגנט פון מאַרסעל װערט דער 18יאָריקער אָפיציר יאָסל גאָלדשטײן אַרעסטירט דורך די נאַציס און דערשאָסן.

אין פרילינג 1942 איז אין פּאַריז געגרינדעט געװאָרן די ייִדישע פּאַרטיזאַנען אײנהײט „די צװײטע אָפּטײלונג" *) אין דער ייִדישער קאָמפּאַניע האָבן זיך געפונען אַ געװיסע צאָל װאַרשעװער װעגן װעמענס העלדישקײטן עס איז נאָך איצט נישט מעגלעך אַלץ אױסצושרײַבן. מיר װעלן זיך אָפּשטעלן אױף אײניקע פון זײ, דער עיקר פון די װעלכע זענען געװען באַשולדיקט אינעם באַרימטן „פּראָצעס פון די 23". אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע פּאַרטיזאַנען זענען געשטאַנען די דרײַ באַרימטע העלדן מ. מאַנוכיאַן (אַן אַרמענער) יוסף באָצאָװ (פון רומעניע) און מאַרסעל רײמאַן (פון װאַרשע). זײ זענען אַלע פאַרמשפּט געװאָרן צום טױט און דערשאָסן געװאָרן דעם 21טן פעברואַר 1944.

מאָריס פינגערצװײַג, אין געבױרן אין װאַרשע אין 1932. אין עלטער פון דרײַ יאָר קומט ער צוזאַמען מיט זײַנע עלטערן קײן פּאַריז. ער הײבט אָן אַרבעטן גאָר יונג װי אַ טאַפּעצירער. אין 1940 טרעט ער אַרײַן אין דער קאָמוניסטישער יוגנט. זײַנע עלטערן און ברידער װערן דעפּאָרטירט אין 1942 און דער יונגער מאָריס שליסט זיך אָן צו די פּרײַשיסער און פּאַרטיזאַנען. אונטער דער אָנפירונג פון מאַנוכיאַן נעמט פינגערצװײַג אָנטײל אין דרײַסטע אַקציעס, אױפרײַסנדיק צוגן אין װעלכע הונדערטער און טױזנטער װערמאַכטלער װערן צעריסן.

ער האַלט זיך מוטיק אױפן פּראָצעס און אין זײַן לעצטן בריװ צו באַקאַנטע און צו זײַנע עלטערן (אין פאַל אױב זײ װעלן צוריקקומען פון דעפּאָרטאַציע), שרײַבט ער: „איך שרײַב אײַך די לעצ־

*) אירע גרינדער זענען געװען שפּאַניע־קעמפער. דער אונדז שױן באַקאַנטער פאַרדינסטפולער סעװעק קירשענבױם (דערמאָרדעט דורך די נאַציס). זאַקין איז אַרעסטירט געװאָרן בעת אַן אַקציע און דערשאָסן געװאָרן מיט אליה װאַלאַך און א. ליסנער (איצט אין פּאַריז).

טע ווערטער מיט מײַן האַנט, כדי צו זאָגן אַדיע אײַך און דעם לעבן וואָס איך האָב געוואָלט זעען שענער. אויב מײַנע עלטערן און מיינע ברידער וועלן האָבן דאָס גליק צוריקצוקומען ווען עס איז לעבעדיקע פונעם שטורעם, וועט איר זיי קאָנען זאָגן אַז איך בין העלדיש געפאַלן".

זיי זענען נישט צוריקגעקומען און מאָריס פינגערצווײַג האָט מיט זײַן קאַמף זיך נוקם געווען פאַר זייער מאַרטירערטום און איז אַליין געפאַלן ווי אַ העלד.

לעאָן גאָלדבערג, איז געבוירן געוואָרן דעם 21טן פעברואַר 1924. נאָך יונג קומט ער מיט זײַנע עלטערן פון ווארשע קיין פאַריז. ער האָט אַ גאַנץ גליקלעכע ערשטע יוגנט און געהערט נישט צו קיין שום געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג.

ווען זײַנע עלטערן ווערן דעפּאָרטירט אין 1942 באַשליסט ער זיך נוקם צו זײַן פאַר זייערע לײַדן און וויל ווערן אַ פּאַרטיזאַן. נישט קאָנענדיק קיינעם קומט עס אים אָן נישט גרינג. אָבער ווען ער ווערט אָנגענומען מיט אַ ברידערלעכער וואַרעמקייט, קעמפט גאָלדבערג מיט זײַן גאַנצער יוגנטלעכער ענערגיע, ביז ער פאַלט מיט געווער אין האַנט.

דער שרעקלעכער גורל האָט געוואָלט אַז פונקט צו 20 יאָר, דעם זעלבן טאָג וואָס ער איז געבוירן געוואָרן, זאָל ער דערמאָרדעט ווערן. „דאָס איז געווען צו שטאַרק — שרײַבט ער אין זײַן לעצטן בריוו — מיר צוצושטעלן אַזאַ יאָרטאָג־מתנה". ער איז מוטיק אין אָנבליק פונעם טויט און אין די לעצטע שעהען שרײַבט ער:

...„ דו זאָלסט נישט וויינען און זאָלסט זײַן זייער מוטיק, ווי איך בין אַליין. איך האָב נישט מורא צו שטאַרבן. איך האַלט דאָך אַז ס'איז אַ ביסל צו פרי..."

אין אַ צווייטן בריוו צו דער מאַמען (זי איז קיין מאָל נישט צוריקגעקומען) שרײַבט ער:

„...דו וועסט לײַכט פאַרשטיין דאָס וואָס עס איז געשען. איך בין געפאַלן קעמפנדיק, און דאָס וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט איז בעסער איידער צו ווערן דעפּאָרטירט צוזאַמען מיט מײַן פאַמיליע און דאָרטן שטאַרבן. אויב מײַנע קרובים וועלן צוריקקומען, טרייסט זיי. ס'איז נישט נייטיק אַז זיי זאָלן מיך באַוויינען, אַזוי פיל אַנדערע זענען געפאַלן און וועלן נאָך פאַלן אין קאַמף..."

מאיר (מאַרקוס) ליסט, איז געבוירן געוואָרן אין 1907 נישט ווײַט פון ווארשע (מאַלקין). עס איז אונדז נישט באַקאַנט צו ער האָט געלעבט אין דער הויפּטשטאָט גופא, נאָר אַזוי ווי זײַן קאַמף פאַר פרײַהייט האָט זיך אויסגעווירקט אין פּוילן, אַרגענטינע, שפּאַניע און פראַנקרײַך, האַלטן מיר פאַר נייטיק אײַנצוגלידערן דאָ זײַן קורצע ביאָגראַפיע און זײַן לעצטן בריוו.

מאיר ליסט איז געווען אַקטיוו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, צוזאַמען מיט זײַנע פיר ברידער. די גאַנצע פאַמיליע עמיגרירט קיין אַרגענטינע, וווּ זיי ווערן שנעל אַרײַנגעצויגן אינעם אַרבעטער־קאַמף. אין 1931, ווען זײַן עלטערער ברודער פירט אָן אַ שטרײַק, — קומט צו אַ צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי און ער ווערט דערהרגעט.

מאיר ליסט איז געווען אַקטיוו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַרגענטינע. צוליב די רדיפות פון דער פּאָליציי מוז ער אַנטלויפן קיין אורוגווײַ, וווּ ער זעצט פאָר דעם קאַמף. ער קומט צוריק קיין אַרגענטינע, אַרבעט אין דער באַוועגונג אומלעגאַל, ביז ער ווערט אַרײַנגעזעצט אין דער תפיסה פון ווילאַ דעוואָטאָ. הינטער די גראַטעס אָרגאַניזירט ער אַ הונגערשטרײַק צוזאַמען מיט זײַנע חברים און אַלע ווערן באַפרײַט.

אין 1936 קומט ער העלפן דער שפּאַנישער רעפּובליק.

אין פראַנקרײַך ווערט ער קראַנק אויף טובערקולאָז. אין פרילינג 1942 ווען עס הייבט זיך אָן צו פאָרמירן די ערשטע ייִדישע פּאַרטיזאַנען־גרופּע, פאַרלאָזט ער דאָס שפּיטאָל און שטעלט זיך צום קאַמף. ער ווערט דער פּאָליטישער קאָמיסאַר פון דער ייִדישער פּאַרטיזאַנען־אײנהייט „צווייטע אָפּטיילונג". ס'איז אוממעגלעך אויסצורעכענען די אַלע אַקציעס וואָס זענען אויף זײַן אַקטיוו.

אָבער מיט זײַן ענערגיע האָט ער שטענדיק מיטגעצויגן זײַנע חברים. ער ווערט אַרעסטירט און דעם 20טן סעפּטעמבער פאַרמשפּט צום טויט.

דעם 1טן אָקטאָבער 1943 ווערט ער דערשאָסן.

דער לעצטער בריוו פון מאַרקוסן:

תפיסה פון פרען, דעם 1.10.1943, 12 אַ זייגער.

מײַנע זייער טײַערע עלטערן, ברידער, שוועסטער און פרײַנד!

דעם 20טן סעפּטעמבער 1943 בין איך פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און הײַנט 16 אַ זייגער וועל איך ווערן דערשאָסן.

איך קען אײַך זאָגן אַז איך האָב געאַרבעט ביזן לעצטן טאָג פון מײַן אַרעסט אין מײַן פאַך, וואָס מײַן ברודער דוויד האָט מיך אויסגעלערנט און איך האָב אים געהאָלפן דערין. איך בעט אײַך אים צו העלפן איצט מערער, ווײַל איך וועל אים מערער נישט קענען העלפן. *)

מײַנע טײַערע פאָטער און מוטער! אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך קען אײַך נישט געבן דאָס נחת מיך צו זען אַלס טאַטע, אָבער ס'איז נישט געווען מײַן שולד, ווײַל ס'איז באמת דער גרעסטער פאַרגעניגן צו זען די אייגענע זין שוין גרויסע און ווי זיי אַרבעטן.

פאַרגעסט נישט די דאַטע ווען יעקב איז געפאַלן. דאָס איז געווען דעם 18.9.1931. מײַנע טײַערע, וויינט נישט, מען דאַרף האָבן מוט און גלויבן.

מײַן טײַערע לאַמבאַ! איך האָב שוין געזאָגט אַז עס איז נישט מײַן שולד נישט צו קענען זײַן צוזאַמען מיט דיר אין פרייד, און אײַנאָרדענען אונדזער גליקלעך לעבן. אַלזאָ, ווינטש איך דיר אַ גליקלעך לעבן און אַרבעט צו קענען העלפן מײַן ברודער.

עטלעכע ווערטער פאַר מײַן פּאַטראָן אַדאָלף **) איך דאַנק אים זייער און זײַן פאַמיליע פאַר אַלץ וואָס ער האָט מיר געהאָלפן אין מײַן אַרבעט. איך געפין גענוג מוט, און איך בעט אײַך נישט צו לײַדן.

טײַערע ברידער! העלפט און שעצט אונדזערע עלטערן.

אײַער זון, ברודער, מאַן און פרײַנט מאיר ליסט, געבוירן דעם 10.10.1907. מײַן פרוי הייסט לאַמבאַ בלום פון ריגע.

חשובע פרוי לאַטער! איך בעט איבערשיקן דעם בריוו צו מײַנע עלטערן.

איינער פון די וווּנדערלעכסטע געשטאַלטן פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנען איז געווים מאַרסעל רייִמאַן, וועלכער האָט באַקומען דעם צונאָמען „טשאַפּאַיעוו".

געבוירן אין ווארשע דעם 1טן מײַ 1923 איז ער מיט זײַנע עלטערן געקומען קיין פראַנקרײַך אַלס אַכטיאָריק ייִנגעלע. ער באַקומט אַ פּראָגרעסיווע דערציִונג, אַרבעט ווי אַ שטריקער און איז אַקטיוו אין די קינדער־ און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

זײַן שיין אויסזען, זײַן פריילעכע נאַטור, זײַן גוטסקייט און אינטעליגענץ מאַכן אים באַליבט ביי זײַנע חברים. 1940 איז ער אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער יוגנט אין 11טן באַציִרק אין פּאַריז.

ווען עס גרינדעט זיך די ייִדישע „צווייטע אָפּטיילונג" איז מאַרסעל איינער פון די ערשטע פּאַרטיזאַנען. ער צייכנט זיך שנעל אויס אין פאַרשידענע אַקציעס און ווערט באַלד אינסטרוקטאָר, פריִער אין דער ייִדישער אָפּטיילונג און שפּעטער אין דער אַרמעניִשער און טשעכישער. ער באַהערשט די טעכניק פון פּאַרטיזאַנען־

---

*) אַן אָנצוהערעניש אויף דער קאָמוניסטישער טעטיקייט, אין וועלכע זײַן ברודער האָט אים אַרײַנגעצויגן. (באַמערקונג פון מחבר).

**) עס האַנדלט זיך מער ווי זיכער וועגן פּאַרטיזאַן און נאָענטן מיטאַרבעטער „קאָמענדאַנט זשילבער" (שמעלקע ווייסבערג), וועלכער האָט דעמאָלט געהאַט דעם פּסעוודאָנים „אַדאָלף".

קאמף. ער לערנט און לייענט און פארפולקומט זיך שטענדיק. ער פירט אן מיט די סאמע דרייסטע אקציעס. אויף די גאסן פון פאריז אטאקירט ער מארשירנדיקע דייטשע מיליטערישע איינהייטן. ער רייסט אויף טראנספארטן, ער צינדט אונטער א צוג מיט סחורה, וואס דארף אפגיין קיין דייטשלאנד. עס איז דא נישט מעגלעך אויסצורעכענען אלע אקציעס, אבער די צוויי וויכטיקסטע זענען זיכער די וואס האבן געהאט אין פאריז דעם גרעסטן אפקלאנג.

צוזאמען מיט א שפאנישן און איטאליענישן חבר האט ער אוועקגעלייגט דעם ד"ר ריטער — פארטרעטער פון גאולייטער זאוקעל, וואס האט דעפארטירט הונדערטער טויזנטער פראנצויזישע ארבעטער קיין דייטשלאנד.

די צווייטע אקציע איז דאס עקזעקוטירן דעם גענעראל פאן שאומבערג „קאמענדאנט פון גראס־פאריז", וועלכער האט געהאט אויף זיין געוויסן א גרויסע צאל מאסן־דערשיסונגען פון יידן און „באלשעוויסטן".

די דאזיקע העלדן־מעשים פון א יידישן בחור האבן ביים פראנצויזישע פאלק הויך געהויבן דעם אנזען פון די געראדפטע יידישע מאסן, וועלכע האבן געהאט אויסצושטיין אזוי פיל דערנידעריקונגען און פייניקונגען מצד דעם אקופאנט.

אויפן „פראצעס פון די 23" האט זיך מארסעל ריימאן, טראץ דעם וואס ער האט געהאט אויסצושטיין פיר חדשים שווערע טארטורן, זיך נישט געבויגן. אן אויסגעצערטער, א פארמוטשעטער מיט גליענדיקע אויגן שרייט ער אויס צו דעם דייטשן מיליטערישן טריבונאל:

„ווי א ייד האב איך נישט געזען קיין אנדער אויסוועג ווי צו נעמען געווער אין האנט און קעמפן קעגן אייך."

דעם 21טן פעברואר איז ער מיט זיינע אלע חברים דערשאסן געווארן אויפן מאן־וואלעריען.

באלד נאך דער באפרייונג פון פאריז, האט א יידישע מיליטערישע איינהייט, ווי א טייל פון דעם באטאליאן „ליבערטע", באקומען דעם נאמען „ריימאן־קאמפאניע".

אין זיינע לעצטע בריוו דריקט זיך מארסעל ריימאן אויס אזוי:

„זאל לעבן דאס שיינע און פרייליכע לעבן, ווי מיר וואלטן עס אלע געוואלט... איך האב אלעמען ליב און זאל לעבן דאס לעבן, זאלן אלע לעבן גליקלעך..."

די דאזיקע פאר ווערטער דריקן אויס דעם געמיט־צושטאנד פון דעם פארטיזאנען־העלד און פון אלע די וואס זענען געפאלן אין קאמף. זיי האבן געקעמפט פארן לעבן. זיי האבן ליב געהאט דאס לעבן. זיי האבן עס געשעצט אזוי הויך אז זיי האבן זיך מקריב געווען, כדי אנדערע זאלן לעבן גליקלעך.

## די יידישע קאמפסגרופעס ביי דער „אוניאן"

די יידישע קאמפסגרופעס זענען געווען ספעציפישע ארגאניזאציעס וועלכע זענען געשאפן געווארן דורך דער „אוניאן". רעקרוטירט מערסטן טייל צווישן יידיש־רעדנדיקע פאלקסמענטשן, אפט מאל נישט קיין יוגנטלעכע, האבן די קאמפסגרופעס אנגעהויבן זייער טעטיקייט אויף א גאר באשיידענעם אופן: פראפאגאנדע, פארשפרייט דורך דער אומלעגאלער פרעסע, קלעפן אומלעגאלע פלאקאטן א"וו. מיט דער אנטוויקלונג פונעם אלגעמיינעם ווידערשטאנדס־קאמף זענען די קאמפסגרופעס געווארן אן אמתע שלאכט־ארגאניזאציע. ענלעך ווי די פט"פ האבן די יידישע קאמפסגרופעס אליין מער זיך פארנומען מיט איבערפאלן אויף דייטשן, אונטערצינדן מיליטערישע געביידעס, אויפרייסן שלוזן, א"וו.

אין זייער קאמף האבן אבער די קאמפסגרופעס זיך געשטעלט ספעציפישע יידישע צילן. דאס עקזעקוטירן דעם אנטיסעמיטישן קאלאבאראטאר קארעל אין ליאן, די איבערפאלן אויף די געביידעס פון די יודנראטן אין ליאן און מארסעל, און דאס צורויבן אדער פארברענען צענדליקער טויזנטער יידישע אדרעסן, ראטעווענדיק דורך דעם מאסנווייז יידישע לעבנס, דער באוואפנטער איבערפאל אויפן שפיטאל אנטיקאיע כדי אפצוראטעווען יידישע קינדער פון דעפארטאציע — דאס זענען אלץ אויפטוען פון די יידישע קאמפסגרופעס, וועמענס קאמפגייסט און שלאכטפארמען זענען כסדר געשטיגן ביזן באפרייערישן אויפשטאנד.

אין די דאזיקע קאמפסגרופן האבן זיך געפונען צענדליקער ווארשעווער. בראש פון די קאמפסגרופעס אין ליאן זענען געווען א גרופע־ווארשעווער, וואס האבן זיך באזונדערס אויסגעצייכנט מיט מוט און מיט זייער אנטייל אין אלע אקציעס פון די קאמפסגרופעס.

צום גליק זענען די אלע מוטיקע קעמפער געבליבן לעבן. צוליב א גאנצער ריי סיבות האלטן מיר נישט איצט פאר צוועקמעסיק צו פארעפנטלעכן זייערע נעמען. עס איז אבער א פאקט אז נאך דער באפרייונג, צוריקקומענדיק צו זייער ציווילן לעבן, זענען זיי געבליבן שטאלץ מיט זייער נאענטער פארגאנגענהייט און זענען דאנקבאר דער „אוניאן", וועלכע האט זיי געוויזן דעם אייניציקן ריכטיקן וועג פון באוואפנטן קאמף קעגן נאצי־אקופאנט.

אט אזוי טרעפן מיר ווארשעווער מענער, פרויען און יוגנט אויף אפשניטן פונעם ווידערשטאנד־קאמף. דאס בילד וועט אבער נישט זיין גאנץ אויב מיר וועלן נישט רעדן וועגן אפקלאנג אין פראנקרייך פון אויפשטאנד אין ווארשעווער געטא.

## די אויסווירקונג פונעם ווארשעווער געטא־אויפשטאנד אין פראנקרייך

אנהייב מיי 1943 זענען פון מאסקווער ראדיא אויפגעכאפט געווארן די ערשטע ידיעות פון ווארשעווער אויפשטאנד. די צענטראלע אנפירונג פון דער יידישער רעזיסטאנס האט אפגעהאלטן א צווייטאגיקע קאנפערענץ אין פאריז, אויף וועלכער עס זענען געווען דעלעגאטן סיי פון דער צפון־זאנע און סיי פון דער דרום־זאנע.

די פראגרעסיווע ארגאניזאציעס האבן גלייך פארשטאנען אז דער געטא־אויפשטאנד איז אן אויסערגעוויינלעך געשעעניש און זיי האבן טאקע גלייך אנגענומען באשלוסן צו אנטוויקלען א ברייטע קאמפאניע צו: 1) פאפולאריזירן דעם אויפשטאנד דורך דער פרעסע. 2) רעקרוטירן מאסנווייז נייע קעמפער אין די פארטיזאנען־רייען, אונטערן צייכן פון געטא־אויפשטאנד. 3) ארגאניזירן ביי די סינדיקאלע גרופעס דאס אפשטעלן די ארבעט, פון א האלבער שעה ביז א האלבן טאג — לויט די מעגלעכקייטן, גלייכצייטיק זאל א רעדנער נעמען א ווארט וועגן געטא־אויפשטאנד. 4) ארגאניזירן קליינע שטוב־פארזאמלונגען פון 4 ביז 15 מאן צווישן דער יידישער באפעלקערונג, ווי ס'איז דעמאלט געווארן איינגעפירט דורך דער רעזיסטאנס. 5) דורכפירן סאבאטאזש־ און קאמפסאקציעס אונטערן צייכן פון געטא־אויפשטאנד.

די דאזיקע באשלוסן האבן מיטן גאנג פון די געשעענישן אליין מער אנגענומען א זייער וויכטיקן באדייט. וואס מער עס זענען אנגעקומען קלארע ידיעות, אלץ מער האט זיך אויסגעטיילט די גראנדיעזקייט פון די שלאכטן אין די איינגעשלאסענע געטא־מויערן פון ווארשע.

די אומלעגאלע פרעסע איז געדרוקט און פארשפרייט געווארן, אויף יידיש און פראנצויזיש, אין פיל הונדערטער טויזנטער עקזעמפלארן. אחוץ די יידן האבן וועגן געטא־אויפשטאנד געשריבן די פראנצויזישע רעזיסטאנס־אויסגאבעס און גאר באזונדערס „זש'אקיז" און „פראטערניטע", ארגאנען פון דער „נאציאנאלער באוועגונג קעגן ראסיזם", און „לא ווי אוווריער", ארגאן פון דער פילמיליאניקער „סעזשעטע" (סינדיקאטן־קאנפעדעראציע). אדאנק דער גרויסער פראפאגאנדע ארבעט זענען די העלדישע מעשים פון די ווארשעווער אויפשטענדלער געווארן באקאנט די ברייטסטע יידישע און פראנצויזישע פאלקסמאסן.

די יידישע קאמוניסטן האבן וועגן דעם ווארשעווער געטא־אויפשטאנד אנטוויקלט א קאלאסאלע ארגאניזיר־ און פראפאגאנדע־ארבעט. שטעלנדיק דאס דאזיקע געשעעניש אין דער גאנצער ליכט אויפן פאן פון דער פאליטישער לאגע און סטראטעגישער ירידה פון היטלעריזם נאך סטאלינגראד, האבן זיי אין איינעם פון די אויפרופן געמאכט דעם ווייטערדיקן אויספיר:

„די יידישע קאמוניסטן אין פראנקרייך, פון וועלכע צענדליקער זענען געפאלן אין באוואפנטן קאמף קעגן בלוט־שונא פון אונדזער פאלק, ווענדן זיך אין דער היינטיקער גרויזאמער שעה צו אלע יידן און אונטערשיד פון זייער פאליטישער אנגעהעריקייט, און אונטערשיד פון זייער סאציאלן שטאנד, גלייביקע און נישט־גלייביקע, איינגעוואנדערטע און איינגעבוירענע, מיטן רוף:

לאמיר זיך פאראייניקן, לאמיר אויפשטעלן א באוואפנטן כוח וואס זאל ענטפערן מיט קריג אויף קריג, לאמיר געמיינזאם וועקן דעם גייסט פון נקמה און קאמף אין די יידישע מאסן, לאמיר דערקלערן די מאביליזאציע פון אלע יידן צום הייליקן קאמף, פארן נאציאנאלן קיום, פאר ראטעווען אונדזער יוגנט, אונדזערע פרויען און קינדער. יידן שטייט אויף צום באוואפנטן קאמף, היטלערס סוף איז נאענט, דער זיג פון אלע אונטערדריקטע קומט אן, דאס יידישע פאלק וועט לעבן".

אין זעלבן גייסט האבן געשריבן די אלע אויבן דערמאנטע אומלעגאלע פובליקאציעס פון דער פראגרעסיווער באוועגונג.

עס איז אבער וויכטיק אונטערצושטרייכן די גרויסע ארגאניזיר־ארבעט און די גרויסע רעזולטאטן.

דעם 14טן יוני זענען אין פאריז געווארן אומלעגאלע פארזאמלונגען אין פריוואטע הייזער און אין די פאבריקן גופא. אזעלכע בליצמיטינגען זענען פארגעקומען אין א פאבריק פון 800 ארבעטער און אויך אין צענדליקער קלענערע אטעליעס פון 20 ארבעטער.

אין א גאנצער ריי ווארשטאטן און פאבריקן זענען דורכגעפירט געווארן סאבאטאזש־אקטן, ווו פעקלעך מיט קאנאדישע פעלצלעך זענען באגאסן געווארן מיט זאלצייערס אדער שוועבלזייערס (וויטריאל).

די יידישע פארטיזאנען האבן אונטער דער לאזונג: „נקמה פאר אונדזערע ברידער אין ווארשעווער געטא", דורכגעפירט וויכטיקע אקציעס, פון וועלכע איינע האט געהאט א גאר שטארקן אפקלאנג. דאס איז דער אנפאל אויף א דייטשער מארשירנדיקער מיליטערישער איינהייט אויף רי קורסעל.

אין דער דרום־זאנע איז פראקלאמירט געווארן א חודש פון ווארשעווער געטא־אויפשטאנד. יעדן טאג פון דעם דאזיקן חודש איז אין יעדן איינעם פון די 5 סעקטארן און אין יעדער שטאט, דורכגעפירט געווארן אן אקציע, ווי: אונטערצינדן אן אויטא, אויפרייסן א טראנספארמאטאר און ענלעכס. אין ליאן האט דעמאלט געמאכט א שטארקן רושם דער איבערפאל פון יידישע פארטיזאנען אויף א דייטשער קאזארמע, וואס האט פאראורזאכט פיל טויטע און פארוואונדעטע נאצים.

צענדליקער יידן פון די קאמפסגרופעס זענען אוועק צו די פארטיזאנען און „מאקים" אין די וועלדער און אויף די בערג.

די קאמפסגרופעס גופא האבן רעקרוטירט פיל נייע חברים און דער קאמף פון די גרופעס איז אריבער אויף א העכערער מדרגה.

מיר ווילן דא נאך בלויז דערמאנען די באוווסטע נעמען פון דריי ווארשעווער יידישע העלדן: ד"ר דיבוא, מאיר מלעטשאק און זשאק קראמקימעל. דער ערשטער איז אומגעקומען אויף די שלאכטפעלדער פון שפאניע און די צוויי לעצטע — אין די פרייהייטס־קאמפן פון די „מאקים".

דער אלגעמיין באקאנטער דאקטאר דיבוא, שעפדאקטאר פון דער 35טער דיוויזיע אין דער שפאנישער רעפובליקאנער ארמיי, איז נישט קיין אנדערער ווי דער יידישער דאקטאר א. דאמאנסקי, געבוירן דעם 2טן מארץ 1902 אין ווארשע. ער איז געפאלן אויף זיין קאמפספאסטן דעם 25טן אויגוסט 1937, אויפן פראנט פון אראגאן.

---

דעם 10טן מיי 1944, נאך דער באפרייונג, האבן 100 מענטשן אויפן בית־עולם אין וויניאל, לעבן לימאזש, באגלייט צו זיין אייביקער רו א העלדישן קעמפער פונעם מאקי, וועמענס נאמען איז געווען אומבאקאנט. ער איז געפאלן אין אן אומגלייכן קאמף מיט א דייטשער קאלאנע דעם 8טן אפריל 1944. נאך לאנגע זוכונגען פון די חברים, צוזאמען מיט די מאכטארגאנען פון דער פראנצויזישער רעפובליק, איז פעסטגעשטעלט געווארן אז דער אומבאקאנטער איז נישט קיין אנדערער ווי מאיר מלעטשאק, געבוירן דעם 10טן מיי 1923 אין ווארשע. עס איז פעסטגעשטעלט א גאנצע ריי העלדן־מעשים פון דעם יונגן פארטיזאן, ווי אויך אז זיין גאנצע פאמיליע איז דעפארטירט געווארן פון פאריז דעם 16טן יולי 1942.

---

זשאק קראמקימעל, געבוירן דעם 15טן יולי 1923, אין ווארשע, א סטודענט אין טולוז, טרעט אריין אין די פארטיזאנען, אין יוני 1943. ער פארנעמט גלייך אן אנפירנדיקן פאסטן. ער האט דורכגעפירט מיט א גרופע דאס צעשטערן 18 לאקאמאטיוון אויפן וואקזאל מאטאביא און אטאקירט מיט א האנטגראנאט א טראמוויי מיט דייטשן פאראורזאכנדיק פיל טויטע און פארוואונדעטע.

אין ליאן באטייליקט זיך זשאק,זינט 1944, אין צאלרייכע אקציעס, צווישן זיי דאס פארניכטן 37 לאסטאויטאס.

ארעסטירט ביים דורכפירן א געפערלעכע מיסיע, איז ער דעפארטירט געווארן עטלעכע טעג פארן באפרייערישן אויפשטאנד און דערמארדעט געווארן אין אוישוויץ.

אלע פראגרעסיווע ווידערשטאנד־ארגאניזאציעס, וועמענס ארבעט איז געווען קאארדינירט אויף א נישט־גענוגנדיקן אופן, האבן צוזאמען געגרינדעט דעם „פארבאנד פאר ווידערשטאנד און קעגנזייטיקער הילף" („אוניאן").

עס איז אויך געלונגען צו רעאליזירן די איינהייט פון אלע יידישע ארגאניזאציעס פון די איינגעוואנדערטע.

ווי מיר זעען, האבן די שיסערייען, שרפות און אויפרייסן צווישן די געטאווענט הויך אפגעקלונגען אין די הערצער פון די יידן אין פראנקרייך, ווי א באווייז פון דער וויטאליטעט און קאמפספעיקייט פון באליידיקטן און געפייניקטן ייד.

גרויס זענען די צאל ווארשעווער אין פראנקרייך וואס זענען פארפייניקט געווארן מיט א מארטירער־טויט. גרויס איז דער באשטייער פון די ווארשעווער אינעם הערואישן קאמף קעגן נאציישער בארבאריע.

זאלן די דאזיקע ווארשעווער אין פראנקרייך, וועלכע מיר דערמאנען דא, דינען ווי א סימבאל פאר אלע אומבאקאנטע דערמארדעטע, פארפייניקטע, פארגאזטע, פארוואנדלטע אין אש, דערשאסענע, גיליאטינירטע, וועמענס גייסט לעבט צווישן אונדז און דערמוטיקט אונדז פארצוזעצן זייער קאמף, כדי אויסצומיידן דעם צוריקקער פון אן ענלעכער בלוטיקער עפאכע.

—:—

## ביבליאגראפיע און קוועלן

---

1. „באטווין" — פראנטצייטונג פון דער יידישער קאמפאניע א"נ פון נאפטאלי באטווין (1937—1938).

2. ט. עלסקי — אויף די פראנטן פון שפאניע־פאריז 1938.

3.
Alfred Cantorovitz
Tchapaev, Das Batallon der 21 Nation, 1937

4.
Estella - Nuestros Hermanos los Internacionales,
Madrid 1937

5.
Quelques Récits de nos Combats. París 1937

6. „אויפגאנג" — חודש־זשורנאל ארויסגעגעבן דורך דער

יוגנט אַפּטיילונג בײַם צ"ק פון די ייִדן אין פּוילן נומער 5—6 1947.

7. קאָלעקציע פון "נײַע פּרעסע", פּאַריז 1936—1938.

8. דוויד דיאַמאַנט — די עפּאָפּייע פון דער באַטווין־קאָמפּאַניע אויף די שפּאַנישע שלאַכטפעלדער —

## גבית - עדות (אין מאַנוסקריפּט)

9. כילעק שראַגאַ — געוועזענער קעמפער אין שפּאַניע.

10. איגנאַץ פּאַטאַשמאַן — געוועזענער קעמפער אין שפּאַניע.

11. פרוי באַסאָוו, שוועסטער פון אָלעק גוס.

12. אהרן דײַטשער — געוועזענער דאָמבראָווסקי־קעמפער.

13. אברהם ליסנער — געוועזענער באַטווין־קעמפער און מיטגרינדער פון דער ערשטער ייִדישער פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג אין פראַנקרײַך.

14. „אין קאַמף פאַר פרײַהייט" פאַרלאַג „אויפסנײַ" פּאַריז 1946.

15. „די לעצטע בריוו פון אונדזערע דערשאָסענע העלדן" פאַרעפנטלעכט דורך דוויד דיאַמאַנט מיט ביאָגראַפיעס און אַן אַרײַנפיר. אין „נײַע פּרעסע" פעברואַר־אַפּריל 1950.

16. (רומפּולע בלעטער פון 23 העלדן)
David Diamant, Pages de Gloire des Vingt Trois, París 1950

17. „דאָס וואָרט פון ווידערשטאַנד און זיג" פאַרלאַג„אויפסנײַ" 1948, אויסגאַבע פון דאָקומענטאַציע־צענטער בײַ דער „וניאָן".

18. י. קאַרמאַן: מיט געראַטעוועטע קעמפער פון געטאָ — אין „אויפסנײַ" אַפּריל 1948.

19. גבית־עדות זשאַק ראַווין, געוו' סעקרעטאַר פון דער אומלעגאַלער „וניאָן" — דרום־זאָנע.

20. גבית־עדות לייבל גאָרדאָן — סעקרעטאַריאַט־מיטגליד פון דער דרום־זאָנע.

21. גבית־עדות ייִדל קאַרמאַן -- סעקרעטאַר פון דער ייִדישער רעזיסטאַנס־באַוועגונג, צפון־זאָנע.

צאַלעל בליץ (בוענאָס־איירעס)

# 50 וואַרשעווער יאָרן אינעם לעבן פון דער יידישער ליטעראַטור

## די יידישע וואַרשע ווערט אַ מעטראָפּאָליע

וואַרשע, וואָס איר געשיכטע שפּרייט זיך אויס אויף אַ ציַיטאָפּשניט פון אַן ערך 600 יאָר, האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוקריסטאַליזירן ווי די גרויסע מעטראָפּאָליע פון יידישן פּוילן אין לעצטן פערטל פון 19טן יאָרהונדערט.

זי האָט באַקומען סימנים פון אַ באַווירקנדיקן הויפּטשטאָטישן צענטער נישט נאָר צוליב איר שטאַרק אויסגעוואַקסענער יידישער באַפעלקערונג און נישט נאָר צוליב איר שטײַגנדיקער עקאָנאָמישער און גײַסטיקער השפּעה, נאָר אויך צוליבן כאַראַקטער פון דער נײַער, טראַנסצענדענטאַלער צײַט. די נײַע היסטאָרישע תקופה, מיט איר טעכנאָלאָגישן גלאַנץ, סאָציאַל־עקאָנאָמישער דינאַמיק, פאַרשאַרפטע קלאַסן־דיפערענצירונגען און נאַציאָנאַלע אויפברויזן, האָט גענומען אַרויסרײַסן דאָס יידישע לעבן פון אָפּגעשלאָסענעם, קליינשטעטלדיקן אָן־אַ־זײַט און גענומען דערנענטערן עס אַלץ מער און מער צום אַלגעמיינעם פאָדערגרונט, צו די שיידוועגן פון דער מאָדערנער געשיכטע.

די וואַקסנדיקע קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע האָט אַרויסגערופן אַ וווּקס פון סאָציאַלן באַוווּסטזײַן, און דער דרוק פון צאַרישן אימפּעריאַליזם האָט אַרויסגערופן אַ קעגנדרוק פון נאַציאָנאַלע שטימונגען, אַזוי בײַ פּאָליאַקן ווי בײַ יידן. די יידן האָבן אָבער געדאַרפט אויסהאַלטן נישט נאָר דעם אָנפאַל פון דער צאַרישער יודאָפאָביע, נאָר אויך די אַקטיווע שינאה פון אײַנגעגעסענעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, נישט געקוקט אויף דעם וואָס דאָס פּוילישע יידנטום, און ספּעציעל די יידישע וואַרשע, האָט דאַן שוין געקענט אָנווײַזן אויף 100 יאָר יידישער איבערגעגעבנקייט און פּאַטריאָטישער ליבע צו פּוילן.

די יידישע וואַרשע האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די פּוילישע אויפשטאַנדן פון די יאָרן 1794, 1830 און 1863, און האָט געהאַט קאַרדינאַלע פאַרדינסטן פאַר דער פּוילישער קולטור. די טראַדיציע פון נאַציאָנאַלער פּוילישער ראָמאַנטיק און פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף „פאַר אײַער און אונדזער פרײַהייט" האָט טיף געלעבט אין פּוילישן און ספּעציעל אין וואַרשעווער יידנטום, וואָס האָט זיך, אין לויף פון דער געשיכטע, מיטבאַטייליקט און אויסגעצייכנט אין אַלע פאַרצווייפלטע קריגספאַרמעסטן פון אומגליקלעכן פּוילן. די דאָזיקע לאַנגיאָריקע טראַדיציע פון יידישן קאַמף פאַר אַ פרײַ פּוילן האָט אויך אָפּגעהילכט אין יאָר 1905, אין די לאָזונגען פון געטאָ־אויפשטאַנד און די שלאַכט־פּאָסטולאַטן פון די נײַ־פּוילישע דיוויזיעס וואָס האָבן אין יאָר 1944 באַפרײַט דאָס האַלבדערשטיקטע לאַנד.

אין לעצטן פערטל פון 19טן יאָרהונדערט האָט נאָך די השכלה געמאַכט אירע לעצטע פּרוּוון צו ווערן די אויפקלערערישע רענעסאַנס־באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס, אָבער אירע שטײַפע און פאַלשע מעטאָדן האָבן זי דערפירט צום פולשטענדיקן באַנקראָט און צום שפּעטערדיקן קאַפּיטולירן פון דער אַסימילאַציע. אין לעצטן יאָרצענדליק האָט זיך געגעבן אַ באַוועג דאָס פאָלק אַליין און עס זענען אַנטשטאַנען די ערשטע סאָציאַלע און פּאַרטיי־פּאָליטישע ריכטונגען. דער „זשאַרגאָן", וואָס האָט מיט גרויס פלײַס גענומען זיך לערנען צו ווערן דער אינסטרומענט פון קולטור־דערהייבונג פון די יידישע פאָלקסמאַסן, האָט גאָר שנעל אויפגעהערט צו שטאַמלען און גענומען רעדן יידיש...

אין אָט דער אַטמאָספער פון יונגן געזעלשאַפטלעכן אויפגעצאַפּל, אויפן פאָן פון גײַסטיקע און עקאָנאָמישע גרונטפּראָבלעמען, און פּנים אל פּנים מיט גרויסע סאָציאַלע פערספּעקטיוון, האָט זיך אין וואַרשע גענומען אויספּיקן, מיט אימפּעטפולער האָפערדיקייט, דער ערשטער יידיש־פּוילישער שפּראָץ פון אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור.

## 1888 — דאָס ערשטע ליטעראַרישע יאָר.

אין יאָר 1888 האָט מרדכי ספּעקטאָר אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין וואַרשע, אויף אַ פּיאָנערישן און מסירת־נפשדיקן אופן, זײַן צײַטשריפט „הויז פרײַנד", וואָס איז געווען דער ערשטער יידישער מוסטער פון אַ מאָדערנעם זשורנאַל, אַנטאָלאָגיע און זאַמלבוך. אין זעלבן יאָר האָט זיך אין וואַרשע באַזעצט דעפיניטיוו י. ל. פּרץ.

דאָס יאָר 1888 קען דעריבער באַטראַכט ווערן ווי דער קאָנקרעטער אָנהייב פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור אין וואַרשע און אויך ווי דאָס געבורטיאָר פון דער פּרץ־תקופה, — פון דער לפּי־ערך 25יאָריקער מוטער־תקופה פון דער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן און פון דער גאַנצער נײַ־יידישער ליטעראַטור אין אַלגעמיין.

צוזאַמען מיט דער יידישער ליטעראַטור וואָס מען האָט געדאַרפט באַשאַפן, האָט מען אויך געדאַרפט שאַפן דעם לייענער. דער פאָלקס־לייענער איז געווען דערצויגן אויף שאָמערן, אויף די מיטל־עלטערלעכע ראָמאַנען פון אליהו בחורס שניט, אויף בדחנישע פערזן, אויף ווונדער־מעשיות פון אָריענטאַלישן פאָלקלאָר און אויף מוסר־געשיכטעס פון אַלט־יידישן „מעשה־בוך". הינטער אַ וואַנט פון רעליגיעזע ספרים איז געווען פאַרשטעקט אַ צווייטער סאָרט לייענער; און אַ דריטער סאָרט, — דער אינטעליגענטיש־נאַציאָנאַ־

ליסטישער — האט געהאלטן אז יידישע ליטעראטור קען גאר נישט געמאלט זיין אויף קיין אנדער שפראך ווי אויף העברעיש.

פון דער צווייטער זייט, האבן די אסימילאטארישע השכלה־לייט, וואס האבן געווארפן אן אויג אויף פויליש, געזוכט א וועג צום פאלק מיט זייערע „פראדוקטיווע" און „בילדונג"־אידעען. ווי פריקרע עס איז זיי נישט געווען דער „זשארגאן", האבן זיי מיט זייער פראקטישן חוש דערשפירט אז ס'איז קיין אנדער ברירה נישטא ווי באנוצן די דאזיקע „נישט־ריינע" כלי, נישט ווי א ליטעראַרישע שפראך חלילה, נאר ווי א צייטווייליקע קליפה, וואס וועט שפעטער ארויסגעווארפן ווערן ווי שאלעכץ און ווי אפפאל.

די שפעטערס פון דער ניי־יידישער ליטעראטור און די אסימילאטארישע קולטור־פילאנטראפן זענען אזוי ארום פון פארשידענע ריכטונגען צוגעקומען צו איין און דעם זעלבן פאלקסקוואל — צו יידיש. און נישט נאר זענען זיי צוגעקומען צו איין קוואל, נאר זיי האבן זיך אפילו פון אנהייב פאראייניקט ווי שותפים פון איין און דער זעלבער ארבעט, וואס האט פאר יעדן איינעם פון די צדדים געהאט א באזונדערע באדייטונג.

די פאטערס פון דער נייער ליטעראטור האבן געוואלט אויספארמירן א נייעם טיפ יידיש־לייענער, און די משכיליש־אסימילאטארישע פאזיטיוויסטן האבן געוואלט פראפאגאנדירן זייערע אידעען פון האנטווערקעריי און פארשפרייטן עלעמענטארע וויסנשאפט. ביידע צילן האט מען געקענט שנעלער דערגרייכן בלויז דורך פאפולערע צייטשריפטן אויף יידיש, און מיט דעם דערקלערט זיך טאקע וואס די ערשטע זאמלביכער פון דער מאדערנער יידישער ליטעראטור אין ווארשע זענען סובסידירט געווארן דורך די מעצענאטן פון דער אסימילאטארישער בורזשואזיע, וואס האט, פארשטייט זיך, געפרווט ארויפלייגן איר משכילישן שטעמפל אויף די פארעפנטלעכטע מאטעריאלן.

למען האמת דארף מען פעסטשטעלן אז גאר פון אנהייב האט פרץ, אין קעגנזאץ צו ספעקטארן, געהאט וויניק אמונה אינעם ליטעראריש־אינטעלעקטועלן געוויכט פון יידיש, ווי מען קען עס קלאר ארויסדרינגען פון זיינעם א בריוו (1891) צום שרייבער יכנה"ז, אבער ווי נאר ער האט זיך אינטימער און שפעטערישער אריינגעלעבט אין יידיש, האט ער דערפילט דעם אייגנארטיקן טעם און אלע זיבן חנען פון אונדזער פאלקסשפראך. אין די גרענעצן פון זיין גרויסער העברעיש־פויליש־רוסיש־דייטשער קולטור, איז יידיש נישט נאר גלייך־בארעכטיקט געווארן, נאר פארנומען דאס סאמע ערשטע און מזרחדיקסטע ארט.

צוליבן מערקווערדיקן היסטארישן צוזאמענטרעף צווישן אסימילאטארישן משכיליזם און די אנהייבן פון דער מאדערנער יידישער ליטעראטור, זענען טאקע ספעקטארס „הויז פריינד" און פרצס „אידישע ביבליאטעק" אויסגעהאלטן געווארן דורכן פאלאניזירטן מעצענאטנטום, אבער דער דאזיקער אומנאטירלעכער שידוך האט לאנג נישט געקענט אנהאלטן.

די אסימילאטארן האבן זיך שנעל ארומגעזען אז אייגנטלעך פירט מען זיי אין באד אריין, אז די יידישע ליטעראטור פון די זאמלביכער קליגלט זיי איבער און אז פון א פשוטן געהילף־אינסטרומענט ווערט דארט דער „זשארגאן" פארוואנדלט אין א זאך פאר זיך, אין א זעלבשטענדיקן ענין.

ווען זיי האבן דערזען ווי די שפראך „פון בערל און שמערל" ווערט אין די הענט פון פרצן און ספעקטארן פארוואנדלט אין עפעס רעכטס און ווען זיי האבן דערשפירט דעם הויך־קוואליטאטיוון, יידיש־בעלעטריסטישן ריח פון די סובסידירטע צייטשריפטן, זענען זיי ממש פארציטערט געווארן און גענומען ליארעמען און פראטעסטירן אין זייערע פוילישע צייטשריפטן.

אין שייכות מיט ספעקטארס „הויז פריינד" האבן זיי געשריבן אז די יידישע ליטעראטור וואס וואקסט ארוים פונעם „זשארגאן" איז א „רעאקציאנערע דערשיינונג"... זיי האבן געהאט טענות צו פרצן אז די ווערק וואס ער פארעפנטלעכט אין דער „אידישער ביבליאטעק" זענען „צו פיל קינסטלעריש", אז ער דערלויבט זיך צו „פאראייביקן די יידישע ליטעראטור" און אז ער וויל דורך דעם „פאראייביקן דעם זשארגאן"...

פרצעס לינקע ליבע צו אן אנשטענדיקן יידיש און צו אנשטענדיקער ליטעראטור האט דערפירט צו דעם אז די מעצענאטישע הילף איז אויסגערונען גלייך נאכן צווייטן נומער „אידישע ביבליאטעק".

ביידע ערשטע, פיאנערישע ארגאנען פון ווארשעווער ליטערארישן צייטשריפט־וועזן זענען, בסך־הכל, דערשינען 8 מאל: 5 — דער „הויז פריינד" און 3 — די „אידישע ביבליאטעק".

## דער ערשטער פעריאד פון דער פרץ־תקופה.

דער ערשטער פרץ־פעריאד, וואס נעמט ארום די נײַנציקער יארן, האט זיך אויסגעצייכנט נישט נאר מיט ליטעררישער און שפראכיקער פיאנערישקייט, נאר אויך מיט דער דרייסטער סאציאלער אוואנגארדישקייט פון דער פרץ־אידעע, וואס האט געמאכט פרילינגדיקער דעם געזעלשאפטלעכן קלימאט פון דער יידישער ווארשע, און נישט נאר פון ווארשע.

אין דער מאס ווי פרץ האט זיך דערווייטערט פון די אסימיליאטארישע בעלי־טובות און דערנענטערט זיך צו דער אויפוואכנדיקער ארבעטערשאפט, האבן זיך אלץ מער און מער פונאנדערגעבונדן אין אים זיינע ווולקאנישע געפילן און געדאנקען.

דער איבערגאנג איז נישט געווען קיין צו שנעלער. נאך די שוועריקייטן מיט זיין „ביבליאטעק", האט זיך פרץ א פאר יאר ארומגעטראגן מיט געדריקטע שטימונגען און האט אפילו ערנסט געטראכט צו עמיגרירן, צוזאמען מיט זיין ליטערארישן אדיוטאנט דינעזאנען, קיין ארגענטינע, וואס אונטער איר יידישן צוקאפנס איז דאן אוועקגעליגט געווארן דער שם־טוב פון אגרארער קאלאניזאציע. ער האט געפרווט מיטארבעטן אין העברעישן בלאט „הצפירה", אבער ער האט דארט געליטן אזוי פיל שפיכת־דמים אז ער האט זיך נישט געוואקלט אנצורופן די דאזיקע צייטונג „זונה" און איר רעדאקטאר, ח. ז. סלאנימסקין, „נארישער הונט".

סוף־כל־סוף האט ער דערזען זיין באשערטע — די רעוואלוציאנערע באוועגונג פון יידישן פראלעטאריאט און פון דער פראגרעסיווער יידישער סטודענטשאפט. מיט דער הילף פון זיינע נייע פריינד און דער עיקר פון זיין אייגענער אנשטרענגונג, האט ער געשאפן די זאמלביכער „ליטעראטור און לעבן", „חחץ" (האכייץ — די פייל) און די פעריאדישע אויסגאבע „יום־טוב־בלעטלעך", וואס האט היסטארישע פארדינסטן פארן יידישן סאציאליזם און פאר דער יידישער קאמפס־ליטעראטור.

די יום־טובדיקייט פון דער דאזיקער צייטשריפט, וואס פרץ האט ארויסגעגעבן צווישן די יארן 1894 און 1896, איז געווען נישט מער ווי א מאסקע פאר דער צארישער צענזור, אבער פאר דעם ארבעטער איז די צייטשריפט געווען אן אמתער יום־טוב, און אין דעם זינען איז דער נאמען גארנישט אזוי קאמופלירט און פארשטעלט...

דער דאָזיקער אָרגאַן, וואָס איז כלומרשט דערשינען לכבוד די ייִדישע רעליגיעזע יום־טובים, איז אין דער אמתן געווען אַ טריבונע פון שאַרפסטן אַנטיקלעריקאַליזם און פון אַנטיבורזשואַזער אַנגריי־פערישקייט. זי האָט אָבער אַטאַקירט נישט נאָר די ייִדיש־פרומאַ־קישע היפּאָקריטישקייט און די עקספּלואַטאַטאָרן פון די האָרעפּאַש־נע מאַסן, נאָר אויך דעם אייראָפּעיִשן קאַפּיטאַליזם און דעם גאַנצן איינגעשטעלטן סדר.

אָט ווי פּרץ דריקט זיך אויס וועגן דער דעמאָקראַטיקער בורזשו־אַזער אייראָפּע (מיט 60 יאָר צוריק, אין צאַרישן רוסלאַנד!): „אַן



י. ל. פּרץ

אַלטע חצופה, גרוי, — נאָר נישט אַזוי אין יאָרן, ווי אין הול־טײַסטווע... דער פּאַפּירענער ליבעראַליזם איז אַדורך גאַנץ איי־ראָפּע ווי אַ זאַראַזע: פרײַהייט הייסט דאָס רעכט צו מאַכן זיך מיט די עלנבויגנס אַן אָרט בײַם טיש; וואַלן הייסט קויפן שטימען פאַר געלט און בראָנפן; פּאַרלאַמענטן זענען בערזעס, ווו פּאַרטייען שווינדלען מיט פּאָליטישע פּאַפּירן, ווו די דעפּוטירטע פאַרקויפן איינער דעם צווייטן די געקויפטע שטימען; די „פרײַע פּרעסע" — דער שטאָלץ פונעם 19טן יאָרהונדערט, איז אַ רינשטאָק פון בלאָף און שאַנטאַזש"...

און אָט איז דער סוף, וואָס פּרץ זעט פאָר: „די אַלטע סיסטעם פּלאַצט, און איבערן מזבח פון בלוט און שווייס הייבט זיך אויף די האַק... די האַק לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער און נידערי־קער, און דער מזבח וועט הײַנט־מאָרגן צעשפּרונגען ווערן אין דער לופטן...

די ייִדישע אַרבעטערשאַפט האָט אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם דאָס פּרצישע פונקענוואָרט. אָט וואָס א. ליטוואַק שרײַבט וועגן דעם: „ווען איך האָב עס (פּרצעס ווערק) פאָרגעלייענט פאַר אַרבעטער, האָב איך זיי נישט געדאַרפט פאַרטײַטשן וואָס מיינט פּרץ. בײַ אַלע־מען האָבן זיך באַוויזן פּערל־פערלעך אין די אויגן, און איינער האָט מיט אַ באַגײַסטערטן שמייכל באַמערקט: אַ מענטש וואָס דערוועגט זיך אַזוי צו שרײַבן האָט שוין גאָר קיין מורא נישט („רויטער פּנקס" זז' 115־116).

פון דער אַנדער זײַט, אַזוי ווי פּרץ „האָט שוין גאָר קיין מורא נישט געהאַט", האָט דאָס אויפגערודערטע תקיפותדיקע געזינדל אויפגעהויבן קעגן אים אַ מוסרישע קעגן־אָפּענסיווע אַזש אויף 3 פראָנטן: אין פּעטערבורג, אין וואַרשע און אין ווילנע.

די פּעטערבורגער ייִדישע לאָקייַען פון צאַריזם האָבן געשאָסן אויף פּרצן מיט זייער מסירה־אַרטילעריע פון זייער אָרגאַן, דעם „המליץ". אָט וואָס איז דאָרט, אין אַ לייטאַרטיקל, געדרשנט געוואָרן וועגן פּרצעס אויסגאַבעס:

„ס'איז איצט געוואָרן אַ נייַע צרה אין דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור: אַ מאַסע קליינע ביכעלעך פול מיט גיפט, וואָס זייער גאַנצע קראַפט איז נאָר אין שענדן דאָס ייִדנטום, זייַנע רבנים, זייַנע געלערנטע, זייַנע שרייַבער... אַרייַנוואַרפן שינאה צווישן פאַרשידענע קלאַסן. לויט די רייד פון אָט די ביכלעך איז דאָס ייִדנטום גאָרנישט ווערט און די אייראָפּעיִשע ציוויליזאַציע איז נישט בעסער... אָט דאָס איז די תורה פון די ביכלעך. בייַ די שרייַבער פון אָט די ספרים איז פאַראַן אַן אַנדער ציל"... (המליץ 1894, נומ' 156).

דאָס אָנדייַטן אויף „אַן אַנדער ציל" איז אַ קלאָרער ווונק צום קנעפּל. די ייִדישע זשאַנדאַרמישע צענזאָרן האָבן גענוי שטודירט די ייִדישע פּרעסע און מען האָט זיי נישט געדאַרפט אַרייַנלייגן אין מויל דעם טייַטש פון „אַן אַנדער ציל". אגב, אויך אין אונדזער איצטיקער צייַט האַלט די רעאַקציע אין איין שרייַען אַז דאָס ייִדישע פּראָגרעסיווע וואָרט האָט „אַן אַנדער ציל"...

די רעאַקציע האָט דערשמעקט בייַ פּרצן דעם ריח פון רעוואָלוציע און דעריבער האָט זי, אויף אַ פּראָוואָקאַטאָרישן אופן, גענרמען ווירקן אויף די מעצענאַטן פון זייַנע אויסגאַבעס, אַז זיי זאָלן זיך אָפּטרייסלען פונעם פאַרשפּרייטער פון די „שעדלעכע טעאָריעס": „ס'איז אַ שאַנדע וואָס די ביכלעך ווערן געדרוקט אויפן חשבון פון גוטע מענטשן. מיר האָפן אַז די פילאַנטראָפּן וועלן תשובה טאָן און דעריבער וועלן מיר זיי נישט אָנרופן בייַ די נעמען".

דער דאָזיקער נידעריקער מסירה־אולטימאַטום צו פּרצעס שטיצער ווייַזט דעם שפּיאָניש־זשאַנדאַרמישן פּרצוף פון דער ייִדישער רעאַקציע און איז אַן עדות ווי אַזוי דאָס פּרצישע וואָרט האָט צעשטערט זייער טראַדיציאָנעלע רו.

דעם זעלבן יאָר און אין זעלבן „המליץ" (נומ' 179) האָט דער פּובליציסט אַ. זינגער געשריבן וועגן פּרצן אָט ווי אַזוי: „דער מחבר פון עטלעכע מעשיות פאַר קעכינס און דינסטן וויל מען זאָל רעדן וועגן אים, — וואָס טוט ער? ער פאַרלאָזט דעם אויוון און די פּליטע, און נעמט זיך שענדן הייליקייטן. איצט וועלן שוין אַלע קעכינס אַרויס קעגן אים מיט פּויקן און טענץ".

און אַפילו דובנאָוון זענען נישט געפעלן פּרצעס אויסגאַבעס. אָט וואָס ער האָט דאַן געזאָגט: „פון 1888 אָן זעען מיר נישט וועלכע נישט איז לייַטישע זשורנאַלן. די פּרוּוון צו פאַרבייַטן די פאַרשווונדענע מיט סוראָגאַטן (די אויסגאַבעס פון הער פּרץ) האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט־געראָטן און פאַר עפּימער (קריטיקוס, „וואָסכאָד" נומ' 6, 1894).

אין וואַרשע האָט קעגן פּרצן „געוואָיעוועט" מיט ספּעציעלע פּאַמפלעטן און מיט די עפּושדיקסטע רינשטאָק־עפּיטעטן דער ציכטיקער, צירלעך־מאַנירלעכער קאַוואַליר דוויד פרישמאַן. אויף פּרצן און אויפן ליטעראַרישן קרייַז וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום אים האָט דער דאָזיקער לשון־קודשדיקער, אייראָפּעיִזירנדיקער שיינגייַסט געשריבן אָט וואָס: „זיי מאַכן שירים, שרייַבן ראָמאַנצעראָס, סקיצן, איבערזיכטן, קריטיק, און ווייסן גאָרנישט ווי ווייַט עס כאַפּט אָן דעם געזונטן לייענער אַ חלשות פון זייער גאַנצן באַלבען און פון זייער, מיט רעספּעקט צו מעלדן, נפּיחהנען מיטן מויל" („לאָקשן", זייַט 15).

אויף אייניקע פּרצעס דערציילונגען האָט דער אויסגעכאָליעטער מבין אַזוי געדרייט מיט דער נאָז: „באָנטשע שווייַג", למשל, איז אַ שטיקל דרוש פאַר אַרבעטער־לייַט און האָט אין זיך גאָר נישט קינסטלערישעס. אַזוי איז אויך „דאָס שטרייַמל" — איינגנטלעך נאָר אַ שלעכטער וויץ פון דער צייַט פון משכילים־אַפּיקורסים" („אַלע שריפטן", ב'3, ז' 127).

וועגן פּרצעס „אידישע ביבליאָטעק" האָט דער זעלבער אידלמענטש און פייַנשמעקער געהאַט אַזאַ מין מיינונג: „אידישע ביבליאָטעק" — איזהו עשיר? — כל שיש לו בית־הכסא סמוך לשולחנו (ווער איז אַ גביר? דער וואָס האָט דעם אָפּטרעט נאָענט צו זייַן טיש). איצט מאַכט מען שוין דאָס אַנדערש. איצט שאַפט מען זיך אייַן די נייַע ייִדישע ביבליאָטעק און מען האָט דאָס ליגן אויפן טיש — איז מען דערמיט יוצא" („לאָקשן", ז' 26).

אין ווילנע האָבן זיך געוואָרפן אין קאַמף די כלי־קודשדיקע גוואַרדייער און גרענאַדירן. זיי זענען גראָד געווען פאַרגעשריטענער פון אַלעמען. אָנשטאָט צו דיסקוטירן און מסרן, האָבן זיי, אויפן פאָרשלאָג פון שטאָט־מגיד, אָנגעווענדט אַ קריגסמיטל וואָס איז אין מיטן פון 20טן י"ה פּראַקטיצירט געוואָרן אין אויפגעקלערטן כרך בוענאָס־אייַרעס — זיי האָבן אַרייַנגעלייגט אין חרם פּרצעס „יום־טוב־בלעטלעך" און אויפגעקלעפּט וועגן דעם אַן „אזהרה גדולה" אין שטאָטשול...

פּרצעס רעוואָלוציאָניזירנדיקע און לייַדנשאַפטלעכע קאַמפּס־ליטעראַטור, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ אויפגערודער בייַ דער רעאַקציע, האָט אָנגעפילט מיט מוט און מיט נחת־רוח די יונגע ייִדישע אַרבעטערשאַפט. אין די געהיימע קרייַזלעך, קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירן און הינטער־שטאָטישע וועלדער האָט פּרצעס וואָרט אַגיטירט אַ סך בעסער ווי די אומלעגאַלע פּאָליטישע ליטעראַטור, וואָס איז געווען שטאַרק רוסיפיצירט, האַמעטנע און רוי. פּרץ האָט אויסגעריייניקט די דעמאָלטיקע ייִדישע פּאָליטישע שפּראַך פון אַלע רוסישע און פּוילישע זשאַרגאָניזמען און האָט איר געגעבן אַ נייַעם פאָלקסטיל, אַ נאַטירלעכן אופן פון אויסדריקן זיך.

סייַ דער גרימצאָרן פון דער רעאַקציע אין אַלע ווינקעלעך פון צאַרנלאַנד און סייַ די שימחה מיט וועלכער די אַרבעטערשאַפט האָט אויפגענומען פּרצעס וואָרט אומעטום, איז אַ באַווייַז אַז שוין אין די פריִע נייַנציקער יאָרן האָט פּרץ אָנגעהויבן צו ווערן אַ הויפּטפיגור אין ייִדישן מאַסן־לעבן.

אין יענע יאָרן האָט ער זיך נישט באַגרענעצט בלויז מיט שרייַבן, נאָר האָט אויך אָנטייל גענומען פערזענלעך אין אומלעגאַלער אַרבעט, אין דירעקטער סאָציאַליסטישער אויפקלערונג פאַר באַגרענעצטע, אויסבאַהאַלטענע אוידיטאָריעס. 3 חדשים תפיסה, אין יאָר 1899, איז געווען — די צאַרישע אָנערקענונג פאַר זייַן אַריבערכאַפּן די מאָס...

קיין מאַרקסיסטישן דרך האָט ער נאָך דאַן נישט געקענט האָבן און דערפאַר איז ער שפּעטער אָפט מאָל באַהערשט געוואָרן פון פאַרשידענע שטימונגען, וואַקלונגען, בלאָנדזשענישן, חלומות, וואָס די ערב־שטורעמדיקע, ווינטיקע צייַט האָט אָנגעטראָגן פון אַלע זייַטן. פּרץ אַליין האָט וועגן די דאָזיקע שטימונגען זייַנע געשריבן אָט־וואָס:

„דאָס זענען פאַרבייַגייענדיקע שטימונגען, אָן עפּידעמיע אַזאַ, די ווירקונג פון דער אַרומיקער כניקעניש, אָן אָפּגרעפּצן פון דער אינטעליגענטישער צעקראָכנקייט. בייַ אונדזערע ברידער זענען

פאראן אזעלכע שוואכקייטן. נאר איר, פרײַנד מיינע, ווענדט נישט קיין אויפמערקזאמקייט. ס'וועט פאראיבערגיין ווי יעדע עפּידעמיע".

דאך זענען געווען ענג־סעקטאנטישע קריטיקער וואס האבן אויסגעפונען בײַ פּרצן ירידה־שטימונגען און האבן געוואלט פּסלען פּרצעס פּראגרעסיוון גאנג צוליב אזא אדער אנדערן אויסדרוק זײַנעם. דאס ריכטיקסטע איז אבער דאס וואס שכנה עפּשטיין זאגט וועגן די פּרצישע וואקלונגען:

„אין פּרט פון דער אדער יענער וואקלעניש איז פּרץ נישט געווען קיין אויסנאם צווישן גאר א סך גרויסע שרײַבער־קינסטלער פון דער פארגאנגענהייט, אפילו צווישן די ראדיקאלסטע. דאס פאלט נישט אײַן א מארקסיסטיש־דענקנדיקן מענטשן, וואס באטראכט זאכן דיאלעקטיש, היסטאריש, צו לייקענען די פּאזיטיוו־פּארשריטלעכע באדײַטונג פון יענע שרײַבער אויך פאר דער הײַנטצײַטיקייט".

פאר אונדז איז, אין אלע צײַטן, גילטיק דאס וואס פּרץ האט געזאגט וועגן זיך:

„איך בין געשטאנען, שטיי און רעכן צו שטיין ביזן לעצטן אטעמצוג פון מײַן לעבן אין די רייען פון די קעמפער פארן ראדיקאל־פּארשריטלעכן ייִדישן געדאנק".

און פּונקט אזוי גילטיק איז פאר אונדז פּרצעס רוף צו זײַן פּאלק:

„מײַן פּאלק! גיי! אלץ ווײַטער און ווײַטער גיי! מיט אלע באפרײַער, מיט אלע צוקונפט־קעמפער, מיט אלע סדום־איבערקערער!"

## מרדכי ספּעקטאר און יעקב דינעזאן.

די 2 ערשטע ליטעראַרישע פיגורן פון דער פּרץ־תקופה זענען געווען ספּעקטאר און דינעזאן.

אויפן באדן פון ווארשע איז ספּעקטאר געווען בלויז אן עפּיזאדישע, הגם זייער וויכטיקע פיגור, ווײַל מיט זײַן פּיאנערישן ווארשעווער „הויז פרײַנד" האט ער אוועקגעשטעלט אין שאטן דאס פארווילדעוועטע, דײַטשמעריש־צעדערבוימישע פּרעסע־וועזן. ער האט אויך, צוזאמען מיט דוויד פּינסקין, געהאלפן פּרצן רעדאגירן די „יום־טוב־בלעטלעך".

פּונקט ווי פּרץ איז געווען כולו יום־טוב, אזוי איז ספּעקטאר געווען כולו וואך.

ווען זיי האבן ביידע אנגעהויבן רעדאגירן די „יום־טוב־בלעטלעך", האט זיך ספּעקטאר דערפילט ווי א פּרעמדשפּראכיקער אויסלענדער אין פּרצעס עולמות־העליונים, ווו די פּובליציסטיק אפילו איז פול געווען מיט גלײַענדיקע רמזים, מיט דיניטשקן געדאנקענשטויב, מיט גליטשיקע צווייטײַטיקייטן, און ווו אלץ איז געווען אויסגעשטערנט מיט אזוי פיל טיפנאכטיקע פילפּונקטן... די צארישע צענזור האט געצווונגען פּרצעס רעוואלוציאנערן געדאנק נאך מער צו סובלימירן זיך, און ספּעקטאר, וואס זײַן גײַסט איז געווען פּונקט אזוי קארפּולענט ווי זײַן גוף, איז ארומגעגאנגען א פארטשאדעטער אויפן דאזיקן עולם התוהו, אויפן צעזונגענעם, אלעגאריש־סימבאלישן מאסקאראד פּרצעס. האט ער זיך טאקע גלײַך צעזעגנט מיט פּרצעס „יום־טוב־בלעטלעך" און האט גענומען ארויסגעבן, במשך פון א קורצער צײַט, א שריפט וואס ער האט א נאמען געגעבן „וואכעדיקע בלעטלעך".

דער דאזיקער עפּיזאד כאראקטעריזירט ספּעקטארן דורך און דורך. ער איז געווען א פּרימיטיווער רעאליסט און האט פון קיין אנדער זאך ווי פון באשײַנפּערלעכער קאנקרעטקייט נישט געוואלט וויסן. ער האט זיך אויף אזוי ווײַט אונטערגעגעבן דעם קאנקרעטן אינהאלט אז ער האט אים נישט געזוכט אפילו, נאר ער האט אים *גענומען* אזוי ווי ער שטייט און גייט, אן א חוש פאר אפּקלײַבן דאס סאמע כאראקטעריסטישסטע אדער אינטערעסאנטסטע.

די באדײַטונג פון ספּעקטארן באשטייט אין דעם, וואס ער האט מיט זײַן פּרימיטיוו־רעאליסטישן טאלאנט ארויסגעפירט דעם פּאלקסלייענער פון שאמעריסטיש־שונדיסטישן אומזין און האט אים, אויף א ציכטיקן אופן, ארײַנגעפירט אין זײַן אייגענעם ממשותדיקן פּאלקסלעבן. זײַן פּראסטע שפּראך, זײַן פּאלקסטימלעכקייט, זײַן גוטברודערשאפט און זײַן פענאמענאלע באריידעוודיקייט אפילו, האבן אויסגענומען. פארשטייט זיך אז צוליבן צײַטונג־כאראקטער פון זײַן שרײַבן, צוליבן „המשך קומט", האט ער אין די פּשוטע סיטואציעס געמוזט ארײַנפירן צײַטנווײַז אנציִענדיקע אינטריגעס און מעלאדראמאטישע צוגעפּעפערטקייט, אבער אין אלגעמיין האט ער געגעבן אן ארנטלעך בילד נישט נאר פון ייִדישן קליינשטעטל, נאר אויך אנגערירט אין גאנצן נײַע טעמעס: דאס דארף, דאס גרויסשטאטישע ייִדישע לעבן, די דערציִונג, די עקאנאמישע פּראבלעמאטיק.

אין קעגנזאץ צו ספּעקטארן, האט דינעזאן, פון סאמע אנהייב ביזן סאמע סוף, פארפולט די גאנצע פּרץ־תקופה. לעבן פּרצן איז ער געווען די אנזעעוודיקסטע באגלייט־פיגור פון דער דאזיקער תקופה; ער איז געווען דער וויכטיקסטער באשטאנדטייל פון פּרצעס 25 ליטעראַרישע יארן.

זײַן אייגענע ליטעראַרישע לײַדנשאפט האט זיך איבערגעאנדערשט און איז פארוואנדלט געווארן אין א קולט פאר פּרצן. דערפאר געדענקט מען אים קודם־כל ווי פּרצעס אדיוטאנט, ווי א בײַלאגע, ווי א הוספה צו פּרצן, און ערשט נאך דעם — ווי יעקב דינעזאן דעם שרײַבער.

ער איז געווארן א שני לפּרץ, אבער ניט א שני צו פּרצעס ליטעראַרישן מלכות, נאר א שני צו פּרצעס לעבן. אין פּרצעס שאטן זענען כמעט ווי פארשוווּנדן די ליטעראַרישע קאנטורן פון זײַן געשטאלט. ער איז געווארן פּרצעס א סאטעליט און ער האט געשײַנט פּונקט ווי עס שײַנט די לבנה אין זכות פון דער זון, כאטש ער האט אויך געהאט א באדײַטנדיקן אייגענעם זכות.

דינעזאנס פרײַנדשאפט צו פּרצן איז געווען די פארווירקלעכונג פון דער קיין מאל נישט פארווירקלעכטער סענטענץ „ואהבת לרעך כמוך". ער האט ליב געהאט פּרצן נאך מער ווי „כמוך", ער האט אים ליב געהאט ביז פּערזענלעכער און ליטעראַרישער זעלבסטאנולירונג. פּרץ האט *זיך אלײַן* אזוי נישט ליב געהאט ווי ס'האט אים ליב געהאט דינעזאן.

צום ערשטן מאל אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז די וווּלגארע „קנאת סופרים" (קינאס סאפרים) סובלימירט געווארן אין אן אמתער „אהבת סופרים" (אהאוואס סאפרים). דאס איז געווען א פרײַנדשאפט צווישן אן אדלער און א שוואלב, און שטענדיק האבן די דאזיקע צוויי אזוי פארשידענע כאראקטערן און געמיטער געהויזט אין פרידן. שלום עליכם האט אנגערופן דינעזאנען „פּרצעס

מאַמע" און פּרץ אַליין האָט, אין איינעם פון זײַנע בריוו צו דינעזאָנען, זיך אויסגעדריקט אַזוי: „דו אָן מיר ביסט אַ נול, און איך אָן דיר — נאָך ווייניקער: אַ מינוס. ווען וועסטו שוין קומען כּדי פון מינוס און נול זאָל׳ווערן עפּעס אַ צאָל".

די דאָזיקע פרײַנדשאַפט, וואָס איז געווען אַזוי רירנדיק, סײַ אין אירע גרויסע שטריכן און סײַ אין אירע . טאָג־טעגלעכע, אינטימע פּרטים, האָט נישט פאַרלוירן קיין איין שפּליטער פון איר קעגנזײַטיקער איבערגעגעבנקייט במשך פון די 27 יאָר וואָס זי האָט געדויערט, און וואָס איז דורך פּרצעס טויט איבערגעריסן געוואָרן פיזיש אויף 4 יאָר. אין 1919 האָט זיך דינעזאָן ווידער אַ מאָל פאַראייניקט מיט פּרצן אויף ביידנס אייביקן געלעגער, און פון דאַן אָן רוען ביידע צוגעדעקט מיט איין שטיין, צוזאַמען מיט איינעם פון די נאָענטסטע עדות פון דער דאָזיקער ברודער־ליבע, — ש. אַנסקי.

אין זײַן ליטעראַרישן שאַפן איז דינעזאָן געווען דער שטילינקער, בלחשדיקער (בעלאַכאַשדיקער) טרייסטער און מוסר־זאָגער, מאָראַל־פּרײדיקער און בעל־רחמים. ער האָט געשילדערט דאָס ייִדישע לעבן סענטימענטאַל און האַרצרײַסנדיק, ער איז געווען דער זיפצער, דער גרויסער בעל־בכי אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

ער האָט אויפגערירט דאָס האַרץ פון אויפקומענדיקן ייִדישן פאָלקס־לייענער וואָס איז געווען פּרימיטיוו און סענטימענטאַל־שפּירעוודיק. דאָס פאָלק האָט אים געענטפערט מיט דאָס טײַערסטע און אויפריכטיקסטע וואָס עס פאַרמאָגט: מיט אמתע טרערן. בײַם ייִדישן מאַסן־לייענער פון אַ 55—65 יאָר צוריק, האָט קיינער נישט אַרויסגעשעפּט אַזוי פיל טרערן ווי דינעזאָן. יעדער עקזעמפּלאַר פון זײַן בוך „יאָסעלע" איז מיט דער צײַט געוואָרן אַ לאָגל פון פאָלקסטרערן, און די געבליבענע פלעקן אויף די בלעטער זענען עדות עד־היום פונעם הייסן פאָלקסגעוויין וואָס איז אָנגערונען אין בוך. די ערשטע אויסגאַבע פון דאָזיקן ווערק איז אַרויס אין צענטויזנט עקזעמפּלאַרן און נאָך דעם זענען אַרויס ווײַטערדיקע און ווײַטערדיקע אויסגאַבעס.

אין דינעזאָנס סענטימענטאַליזם איז נישט געווען קיין ביליקייט און קיין וווּלגאַרקייט, נאָר אַ מין מוטערלעכע פאַרבלענדטקייט און גלויבן אין דער גראָטנקייט פון איר אייגן קינד, אַן עקסטרעם־אויפריכטיקע מיטפילעוודיקייט און אַ נאַיִווע אײַנגעגלויבטקייט אַז דאָס גוטע וועט זיך שוין ווי נישט איז דורכברעכן אַ וועג, נישט אַזוי דורך כּוח ווי דורך שׂכל־הישרדיקער איבערצײַגונג און דורך ברידערלעכע אויסגלײַכן.

ער האָט גוט געזען די גרויסע סאָציאַלע אונטערשיידן אין ייִדישן לעבן, אָבער ער האָט אין זײַנע ווערק נישט געוויזן קיין סאָציאַל־באַפרײַעריש אויסוועג פאַר די דאָזיקע קאָנטראַסטן. זײַנע העלדן גלייבן אין באַשערטקייט און ער אַליין אין טאָלעראַנץ. עס ציט אים מער צו פאַרשטענדיקונג ווי צו קאַמף. ער צווינגט זײַנע בעוולטע העלדן צו זײַן נישט־אַרויסרופעריש, נישט־דעמאָנסטראַטיוו, אַזוי אַז זיי פאַרשטייען זייער געזעלשאַפטלעכע לאַגע מער גורלדיק־פּאַסיוו ווי סאָציאַל־אַקטיוו.

אומדירעקט אָבער, דורך דער קינסטלערישער קראַפט פון דער שילדערונג, שפּאַרט זיך דורך אין זײַנע ווערק די ביינערדיקע העסלעכקייט און פרום־געשלייערטע פאַרדאָרבנקייט פונעם גבירנטום און די פינצטערע געזעלשאַפטלעכע מידות פון פאַנאַטישן תּקיפנטום.

ווי אין פּרימיטיוון פאָלקסראָמאַן דערפירט ער די גוטע און די שלעכטע העלדן צו ווײַטגייענדיקע עקסטרעמען. דער אומשולדיקער איז כּולו תּכלית און ער האָט גאָר אויף זיך נישט קיין איין שפּרינקעלע פון מענטשלעכער פּסולדיקייט. דער רשע, ווידער, איז כּולו פּסולת און זײַן פאַרדאָרבנקייט איז אַן אויסשליסלעכע, אַ גוזמהדיקע. נישט געקוקט אויף די דאָזיקע עקסטרעמען גלייבט דינעזאָן אין אַ שלום צווישן זיי, ווײַל... גרויס איז זײַן ווייכהאַרציקייט און זײַן עטישער אָפּטימיזם. דערפאַר זאָגט טאַקע פּרץ וועגן דינעזאָנען אַז „דער קינסטלער אין אים קניט פאַרן מאָראַליסט".

צום לויב פון דינעזאָנען דאַרף געזאָגט ווערן אַז ער האָט אויסגעמיטן אַ געקינסטלטע גוטסופיקייט אין זײַנע ראָמאַנען. כּמעט אין אַלע זײַנע ווערק דערקײַקלט זיך דער סיוזשעט צו אַ טראַגישן עפּילאָג, וואָס רודערט אויף אויף אַ נאַטירלעכן אופן דעם לייענער. נישט געקוקט אויף זײַנע איבערטרײַבונגען, קוקט אַרויס פון זײַן שאַפן דער ריינער אמת, וואָס גיט אָפּ אַ טרויעריקן גרוס פון צעמזיקטע און צעשרויפטע לעבנס.

נישט געקוקט אויף דער סאָציאַלער אומדעפינירטקייט און נאַיִווקייט פון דינעזאָנס ווערק, האָבן זיי דאָך אויסגעפירט אַ וועקנדיקע און דערציִערישע פונקציע, און אַרײַנגעצויגן אין דער בעסערער ייִדישער ליטעראַטור־ספערע אַ צאָלרײַך און איבערגעגעבן לייענערטום.

אויסער דעם זענען זײַנע ווערק, אומאָפּהענגיק פון זייער אינעווייניקסטער ליטעראַרישער אומפּערפעקטקייט און שפּראַכיקער פאַרעלטערטקייט, שיר נישט אַ מוסטער פון דרויסנדיקער האַרמאָנישער קאָנסטרוקציע. אַלטער קאַציזנע איז געווען אַנטציקט פון דינעזאָנס ראָמאַנען־אַרכיטעקטאָניק און האָט זי אַפילו אַרויסגעשטעלט ווי אַ מוסטער פאַר אונדזערע מאָדערנע ראָמאַניסטן.

סײַ ספּעקטאָר מיט זײַן באַריידעוודיקן רעאַליזם, סײַ דינעזאָן מיט זײַן האַרצרײַסנדיקן סענטימענטאַליזם, זענען געווען, אַזוי צו זאָגן, דער אַרײַנפיר אין דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, הגם פאָרמעל־כראָנאָלאָגיש זענען זיי געווען מיטצײַטלער פון פּרצן. דורכן היימישן פאָדער־צימער פון זייער שאַפן איז דער ייִדישער לייענער אַרײַן, אויף אַ נאַטירלעכן אופן, אין פּאַטריאַרכאַלן הויז פון די קלאַסיקער.

## וואַרשע — דער ליטעראַרישער צענטער פון ערשטן פּרצישן יאָר.

אויף דער גרענעץ צווישן ביידע גרויסע יאָרהונדערטער האָט זיך אַרום פּרצן גענומען שאַפן אַ ליטעראַרישע באַוועגונג. פּרץ איז געוואָרן דער מאַגנעטישער צענטער פון אויפקומענדיקן ליטעראַרישן דור, און די „פּרציסטן־נעסט" אויף צעגלאַנע 1 איז געוואָרן דער ליטעראַרישער אײַנמעלדונג־אָרט, דער ליטעראַרישער סאַלאָן, די ליטעראַרישע שול און קודם־כּל — דער פּרוווּשטיין פאַר יעדן שרײַבערישן אַספּיראַנט, וואָס האָט זיך דאָרט פרײַוויליק געשטעלט צום ליטעראַרישן פּריזיוו.

נישטאָ דער שרײַבער־אַספּיראַנט פון יענע צײַטן וואָס זאָל נישט האָבן דורכגעמאַכט די פּראָצעדור פון אַרויפגיין, אויף די שפּיץ פינגער, צו פּרצן, פון נישט האָבן דורכגעלעבט דעם קלאַסישן נסיון פון האַרצקלאַפּעניש הינטער פּרצעס טיר. דער גרעסטער טייל אַספּיראַנטן איז אָפּגעקומען מיט האַרצקלאַפּעניש און נישט געוואָגט אַריבערצוטרעטן נישט אַזוי די שוועל פון דער פּרץ־שטוב ווי די שוועל פון דער אייגענער מורא, און דער גרעסטער טייל פון די וואָס האָבן שוין יאָ געוואָגט צו שטעלן זיך פּנים־אל־פּנים מיטן העכסטן

ריכטער, מיטן האר פון דער ליטעראַרישער פמליה של מעלה, האָבן מער געהערט דאָס געדונער פון זייער אייגענעם האַרצן ווי דעם שטרענגן אורטייל פונעם גרויסמײַסטער.

אינעם אַספּיראַנטן־שטראָם וואָס האָט געפּלייצט צו דער דאַמבע אויף צעגלאַנע 1 האָט פּרץ געזוכט קאַרפּן און נישט קיין פּלאָטקעס, און דאָרט ווו ער האָט דערשפּירט דעם עכטן ריח פון קאַרפּ האָט ער זיך שוין באמת אַז פונעם קליינעם קאַרפּל זאָל אויסוואַקסן אַן עכטער קאַרפּ.

ער איז אָבער אין זײַנע אָפּשאַצונגען קיין מאָל נישט געווען קיין דרויסנדיקער און קיין גלײַכגילטיקער, נאָר אַ הייסער אָנטיילנעמער. זײַן מיטקלאַפּנדיק און מיטזינגענדיק האַרץ האָט דיכטעריש און חבריש אַקאָמפּאַנירט אַלעמען. זײַן מיטבאַטייליקטקייט אין יעדער זאַך איז געווען אַזאַ טיפע, אַז אָנפאַנגענדיקע שרײַבער פלעגן נישט דערקענען די ווערק זייערע נאָך דעם ווי פּרץ פלעגט זיי קאָרעגירן, ווײַל, אין גרונט גענומען, פלעגט ער נישט קאָרעגירן נאָר פאַרפּרצעווען . . .

פּרץ, דער אבינו רבנו און מורנו פון דער יונגער ליטעראַטור, דער פּראָבלעמען־זוכער און צילן־אָוועקשטעלער, האָט געפילט אין זיך דעם נאַטירלעכן מוז צו קערעווען מיט דער גאַנצער ליטעראַטור. דאָס קערעווען האָט זיך אויסגעדריקט נישט נאָר איז געשטאַלטיקן נײַע טאַלאַנטן, נישט נאָר אין אויסגעפונען דעם „געטלעכן פונק" בײַ די המונים ליטעראַרישע אָנפאַנגער, נאָר דער עיקר — אין אײַנשטעלן אידעיִשע נאָרמעס, אין געבן אַ קולטור־געשיכטלעכע, געזעלשאַפטלעכע און עסטעטישע ריכטונג דער פריש־יווירנדיקער און יוגנטלעך־צעפלאַמטער ליטעראַטור, וואָס האָט גענומען אַרויסוואַקסן פון די קורצע קליינשטעטלדיקע הייזלעך.

דער דראַנגיקער ווילן פון דער יוגנט בכלל און פון די יונגע שרײַבער בפרט אַרויסצורײַסן זיך איינס־און־צוויי פון דער דורותדיקער פאַרשטיקטקייט און אַרײַנצושפּרינגען מיט דער גאַנצער יונגיאָריקער אומגעדולדיקייט אין דער מאָדערנער אייראָפּעיִשקייט אַרײַן, האָט געדראָט מיט אַ צו האַסטיקן איבערבראָך. דער ראַדיקאַלער שניט איבער דער פאַרגאַנגענהייט האָט נאָך נישט באַטײַט אַן אַרײַנקומען אין דער נײַער צײַט. די איבערגעאײַלטקייט האָט געשאַפן אַ צו גרויסן בלויז צווישן אַלט און נײַ, און די איבערגעאײַלטע, נאָכן היציקן פאַרלאָזן די אַלטע וועלט, האָבן באַוויזן אַרײַנצוקומען נישט אין אַ נײַער וועלט נאָר אין אַ נײַער פּוסטקייט.

פּרץ האָט דער עיקר געוואָלט אַז דאָס אַרויסגיין פון דער אַלטער פאַרגאַנגענהייט זאָל נישט זײַן קיין אַרויספאַלן און אַז דאָס אַרײַנגיין אין נײַעם לעבן זאָל נישט זײַן קיין אַרײַנפאַלן. ער האָט געזוכט דעם האַרמאָנישן איבערגאַנג און האָט געוואָלט אויסמײַדן דעם האַסטיקן איבערבראָך. אין פּראָצעס פון אַרויסגיין און פון ווײַטערדיקן גיין האָט ער געוואָלט שאַפן אַ בריק צווישן אַלט און נײַ.

אַ טייל אַרויסגעגאַנגענע האָט מיט פּסיידאָרעוואָלוציאָנערער אַנטשלאָסנקייט געוואָלט איבערלאָזן אַלץ הינטער זיך, אַרײַנגערעכנט די אייגנאַרטיקע פאָלקסווערטן פון דער קולטור־ירושה. אין אַזאַ פאַל, אָבער, ווען „דאָס אַלטע באַגײַסטערט נישט מער (און) דאָס נײַע (באַגײַסטערט) נאָך נישט", ווי פּרץ דריקט זיך אויס, ווערן נישט געשאַפן קיין טיף־אייגנאַרטיקע ווערק נאָר עס „קומען פראַזן, פּינטעלעך, פאַרקערטע בילדער, ליטעראַרישער שאָטנשפּיל, גײַסטיקער אָנאַניזם". אין אַזאַ מין מאָמענט „האָט מען שטימונגען און קיין כאַראַקטער נישט; גלוסטונגען אָבער קיין ווילן נישט. קיין גרויסע ליבע, קיין האַס . . . (בלויז) פלירט, לײַכטע באַציִונגען" . . .



דעם דראַנג צו רײַסן זיך אין דער נײַקייט נאַקעטערהייט, אָן דער דורותדיקער קולטור־ירושה, רופט אָן פּרץ „אימפּאָטענטער יצר־הרע" . . .

די הויפּטזאָרג פּרצעס איז געווען „אַרײַנפירן דעם ייִדישן שניט אין אונדזער פאָרעם", דאָס הייסט קאָנסערווירן די נאַציאָנאַלע פאָרעם פאַר די נײַע אינהאַלטן. דעריבער איז פּרץ אַרויסגעטראָטן קעגן די עקסטרעמע „רעוואָלוציאָנערן" און פּראָפּאַגירער פון הייליקייטן, וואָס ערשט נעכטן זענען זיי נאָך ביזן האַלדז געווען אַרײַנגעטאָן אין קאָנסערוואַטיוו־רעאַקציאָנערער ייִדישקייט און שוין הײַנט ווילן זיי זיך, אויף אַ פאַרדעכטיקן אופן, אָפּשאָקלען פון אַלץ: „און די משיחלעך זענען שוין, ווי מען זאָגט, אין דער שוסטערגאַס; ווו נאָר אַ ישיבה־בחור לערנט ער זיך רײַטן אויף דער כנסת־ישראל".

פּרץ האָט געוואָלט אַרויסראַטעווען פון דער אַלטער ייִדישקייט אַלע פּראָגרעסיווע ווערטן אירע און נישט פאַרמשפּטן זי אין גאַנצן אַזוי ווי זי שטייט און גייט: „ייִדישקייט איז נישט קיין שטייענדיק וואַסער, קיין זומפּ, „מיים חיים" רופט מען זי. — — — ייִדישקייט טאָר נישט גענומען ווערן סטאַטיש נאָר דינאַמיש — אין דער אַנטוויקלונג, דאָס הייסט איבעראַל אויף דער גאַנצער ייִדישער וועלט און אין אַלע צײַטן".

פּרץ האָט זיך באמת צו דערווײַזן אַז די אייראָפּעיִזאַציע פון דער ייִדישער ליטעראַטור טאָר נישט זײַן קיין קאָסמאָפּאָליטיזירונג, קיין נאָכמאַכונג, קיין אויטאָמאַטיש איבערנעמען פרעמדס און נישט־פאַרדייטס: „איך רעד נישט פון פאַרשליסן זיך אין אַ גײַסטיקן געטאָ; מען זאָל אַרויס פון געטאָ, נאָר מיט אייגענעם גײַסט, מיט אַן אייגן גײַסטיק פאַרמעגן, און טוישן: געבן און נעמען, נישט בעטלען. געטאָ איז אימפּאָטענץ: קולטור־קריייציקונג — די איינציקע מעגלעכקייט פאַר דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. זאָל קומען דער מענטש, מוז ער זײַן דער סינטעז, דער סך־הכל, די קווינטעסענץ פון אַלע נאַציאָנאַלע קולטור־פאָרמען און וועלט־באַנעמען. „נעמען און זיך נישט פאַרלירן" — דאָס איז די הויפּטזאַך און דאָס איז דאָס שווערסטע בײַ שוואַכע און נישט־זעלבשטענדיקע פעלקער . . . פון ייִדישן שרײַבער מוז מען דעריבער מער פאַרלאַנגען. דאָ איז אייגנאַרט — ווירקלעכער כאַראַקטער; די אָריגינעלע פאָרם — די העכסטע פאָרעם פון ווילנסקראַפט".

פּרץ האָט אַזוי אַרום געהאַט וויזיע אין ביידע ריכטונגען, וויזיע צום פאָלקסטימלעכן צוריק און וויזיע צום פּראָגרעסיוון פאָרויס, און ערשט פון ביידע וויזיעס האָט ער געוואָלט צונויפשטעלן איין גאַנצע מאָדערנע ייִדישקייט. דאָס איז פּאַקטיש געווען איין־איינציקע גלאָבאַלע וויזיע, אַ וויזיע וואָס באַנוצט זיך מיט ביידע אויגן און וואָס פאַרפעלט נישט צו דערזען אַלע געשיכטלעכע און נאַציאָנאַל־מענטשלעכע צוזאַמענהאַנגען מיט איין מאָל. ער האָט געקעמפט קעגן אַ פאַרטיקער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור אויף ייִדיש, וואָס וואָלט געווען נישט מער ווי אַ סוראָגאַט פון אַ ליטעראַטור. געוואָלט האָט ער אַז די אייראָפּעיִזאַציע זאָל קומען פון אייגענעם אינעווייניק, דורך דער ייִדישער שול, דורך פאַרברייטערן די לעבנסאינטערעסן, דורך הייבן די אינטעליגענץ, דורך מאָדערניזירן דאָס לעבן, און נישט דורך אימפּאָרטירן פאַרטיקערהייט די דרויסנדיקע אייראָפּע אין געטאָ אַרײַן. . . דערפאַר זאָגט ער:

„קומען מענטשן פון בערלין . . . אין בערלין געווען, דעם שטיינערנעם ביסמאַרק מיט די בלעכענע שטיוול געזען, די זיג־אַלעע מיט די מאַרמאָרנע גראַפן און מאַרקגראַפן . . . אָנגעזאַפּט די שוואַרצאַפּל מיט דער פּראַכט פון ווייכע און גאָלד־באַשלאָגענע הויפ־

קארעטן און ארויסגעוועקסטע קייסער־וואנצן, און באגייסטערט פון דער קראפט וואס שלאגט פון פאליציאנט און ביר־יונקער, קומען די לייט אין אונדזער געטא אריין און פרעגן אויף אייראפע... נישט אייראפע פעלט אונדז... יידיש פעלט, עברי פעלט..."

פרץ איז געווען שטרענג צום יידישן שרייבער און האט געפאדערט פון אים פארמעסט און אלייִדישע ארומנעמיקייט. ווען אין דער יידישער ליטעראטור איז שוין געווען דעפאזיטירט דאס גרונטרייכטום פון אלע דריי קלאסיקער, ווען אש, נאמבערג און וויסנבערג האבן שוין געהאט צוגעטראגן זייערע כאראקטעריסטישע שאפונגען, ווען די נאך יינגערע „קומען מיט פארבן, ברענגען אריין דעם ים, זונאויפגאנג, פויערים, ציגיינער, גנבים", האט פרץ נאך אלץ געהאלטן אז אין ליטערארישן זינען זענען מיר ארעמע־לייט. ער איז ארויס מיט אזא מין טענה: „אבער ווו זענען (געשילדערט אין דער ליטעראטור) די ספרדישע יידן? ווו זענען די אמסטערדאמער בריליאנטן־שלייפער, ארגענטינער און פאלעסטינער קאלאניסטן? וואס מאכט ראטשילד אין פאריז, לוצאטא אין רוים?"

דאס אלץ האט פרץ געוואלט האבן אין דער ליטעראטור נאך פאר 1910. מען האט ערשט געהאלטן ביי דער פונדאמענט־ארבעט און ער האט שוין געפאדערט א דאך איבערן קאפ. מען האט שוין געהאט אנגעזאמלט גביר־אדירדיקע ליטעראטור־אוצרות און אים האט נאך אויסגעפעלט צום חשבון א האלבע יידישע וועלט.

ער האט איראניזירט ווען עמעצן איז גאר איינגעפאלן צו רעדן וועגן אנשרייבן „א געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור ביז 1890", ווייל געהאלטן האט ער אז אפילו אין 1910 איז נאך די יידישע ליטעראטור נישט ראוי צו א געשיכטע, נישט דערפאר ווייל ער האט לייכט געשאצט דאס דערגרייכטע ביז דאן, נאר ווייל ער האט געפאדערט א סך מער. אין זיין גרויסער יידיש־ליטערארישער וויזיע איז נאך געווען א סך פריי ארט פאר נאך און נאך דערגרייכונגען, און דא מיט א מאל — א געשיכטע גאר!

פרץ האט קיין מאל נישט געוואלט מאכן קיין ליטערארישע סך־הכלן, נישט קיין אלגעמיינע און נאך ווינציקער וועגן זיך אליין. ווען אויף די צאלרייכע אויפנאמעס און באנקעטן, וואס זענען לכבוד אים ארגאניזירט געווארן, פלעגן די באגריסערס אונטערציען סך־הכלן פון זיין שרייבן, געבן כוללדיקע אפשאצונגען אדער אלגעמיינע כאראקטעריסטיקעס, פלעגט ער שטארק אין כעס ווערן. ביז די לעצטע יארן פון זיין לעבן פלעגט ער זאגן אויף זיך אז ער הייבט ערשט אן, אז ער פארמעסט זיך ערשט צו נעמען שרייבן און אז ס'איז נאך צו פרי אנצוהייבן אונטערצוציען די ביז איצטיקע ברוכצאלן...

פרץ, וואס האט געקעמפט קעגן דער באדנלאזער, כאפ־לאפיקער שטימונג־ליטעראטור און קעגן דער מאניר פון אפפרעמדן זיך פון אייגענעם מקור, האט געפאדערט דינאמישע ירושה־טראדיציע אין דער פארעם און יידישע ארומנעמיקייט און פראגרעסיווקייט אין דער טעמאטיק.

אין שייכות מיט דעם האט ער געשטעלט קאטעגארישע פאדערונגען צום ליטעראטור־קריטיקער וואס עפנט נישט די אויגן פונעם שרייבער און וואס געוווינט נישט צו דעם עולם צו זיין אפקלייבעריש. עס איז נאך דאן בכלל קיין קריטיק נישט געווען, און די פאר צופעליקע כמו־קריטיקערס זענען געווען, לויטן פרצן, צופיל איינזייטיקע ריכטערס און צו ווייניק אמתדיקע אפשאצערס און פאפולאריזאטארס. זאגט ער טאקע:

„א גארטן האבן מיר נאר קיין גערטנער נישט; קיינער פלעגט נישט דאס גוטע, שפארט נישט אונטער דאס שוואכע, טרינקט נישט אן דאס דארשטיקע. יונגע זוכערס זענען פאראן; קיינער העלפט זיי נישט געפינען דעם זיכערסטן וועג; אן עולם־גולם פאראן, ווייזט אים קיינער נישט דעם אונטערשיד צווישן ריין און אומריין, — סמט ער זיך. און ווייזט זיך א מאל אין א יובל א גרעסערע, אן ערנסטערע און טיפערע זאך, וועט זי קיינער נישט דערקלערן, פאפולאריזירן; מען רעדט נאר קעגן דעם, קעגן וועלכן מען קען זיך שטעלן אלס גרויסער אויסלענדישער פיינשמעקער און ווייזן עטלעכע פעלערן. און עס גראסירט די גרין־געלע, צוזאמענגעשרומפענע, קרענקלעך־איפערזיכטיקע, בייזע אימפאטענץ, און ווו זי זעט א קינד מיט רויטלעכע בעקלעך, לויפט זי צו און דרייט אים אויס אן אויער — פאר כעס!"

פון דער אנדערער זייט האט פרץ אראפגעריסן דעם „נישט־ריר־מיך־אן"־קאמפלעקס פונעם שרייבער, זיין היפער־סענסיביליטעט לגבי אומגינסטיקער קריטיק, זיין נישט־דולדן קיין עפנטלעכע אפשאצונג וועגן זיך, אונטערן תירוץ אז מען רייסט זיך אריין אין זיין פריוואט־לעבן. פרץ לאכט זיך אויס פון דעם קלאר און דייטלעך:

„וואס הייסט פריוואט־לעבן? פריוואט לעבט א מענטש אין א מדבר. פריוואט לעבט א פרוש אין וואלד, אפשר נאך א פארצייטיקער בטלן אונטערן בית־מדרש־אויוון. א מענטש צווישן מענטשן איז קיין מאל נישט פריוואט. דער וואס טוט עפעס, בפרט דער וואס שרייבט, לעבט געזעלשאפטלעך, עפנטלעך. ער מוז זיין אדער ניצלעך, אדער שעדלעך, און קען און דארף און מוז אפגעשאצט ווערן. — — — עפנטלעך קריטיקירט ווערן דארפן אלע און פריער פאר אלע דער שרייבער! ווער עס רעדט צום פובליקום, געהערט צום פובליקום! דאס פובליקום האט רעכט צו פארלאנגען מען זאל פון צייט צו צייט אראפציען דעם טלית פון די וואס שטייען ביים עמוד, ביים שולחן, און ווייזן אים ווער עס בעט פאר אים, ווער עס בלאזט אים שופר!"

פאר איין וועגס גיט שוין פרץ א קלאסיפיציר אפ די שרייבער פון דער יידישער געלער פרעסע: „יעדער האט זיך זיין ווינקעלע, זיין ספעציאליטעט. איינער זינגט, דער צווייטער דערציילט, דער דריטער שרייבט חכמות, דער פערטער וויצלט זיך, דער פינפטער און אפשר דער זעקסטער צי דער זיבעטער פירט טאקע מיסט!... מען דארף עס אויך! אמת, עס טרעפט אז די מיסטשלעפערס שרייבן שירים א מאל אויך"...

פרץ באמערקט איראניש אז א דאנק דער געלער פרעסע וועט דער עולם אנהייבן צו אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס און אז די דאזיקע פרעסע, אין איר ערשטער סטאדיע, קען אפילו זיין אנטדעקעריש דורך איר אראפרייסן פון דעם ביז איצט פארהייליקטן פריוואט לעבן א סך זיידענע מענטשלעך. און ער גיט אזא מין סארקאסטישן הכשר:

„זאל זי זיך גראבלען אין מיסט — אין פריוואטן לעבן מיין איך, עס שאדט נישט! קעגן דעם קען זיין נאר די אלטע בעל־הביתשע מאראל פון קלאפשלעסער און פארהאנגענע פענצטער. די מאראל אין זיידענע אבער אין זייט מיר מוחל, פארדאסטע אונטעררעק... די עטיק איז געווען נאר א שוצמארקע פאר חניפה, צביעות, שיינהייליקייט און אל דאס בייז. נאר די אלטע גבאיטע מיט די יונגע חטאים האט געמאכט אן אונטערשיד צווישן „רשות־הרבים", בפרהסיה" און „אונטער פיר אויגן", „בחדרי־חדרים"...

פרץ האט אויך געפרואווט היילן די כראנישע קראנקהייט פון די בירגערלעכע שרייבערס — די אייביקע צעריסנקייט צווישן זיך,

די אידעענלאָזיקייט זייערע און די מאָראַל פון „כאַפּ פאַר דער שורה און עס, כאַפּ פאַר דער שורה און טרינק". מיט ווייטיק רופט ער אויס: „פאַר וואָס זענען מיר צעזייט און צעשפּרייט ווי די שעפּסן? צי האָבן מיר נישט קיין אינטערעסן; מאָראַלישע אָדער עקאָנאָמישע, אַרום וועלכן מיר דאַרפן זיך זאַמלען? "

אין סך־הכל האָט פּרץ געוואָלט איינשטעלן אַן אידעיִשע און געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אין דער יִדישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק, אַראָפּרייַסן די פרעמדע שטרויענע פּליגל פון יִדישן מאָדערניזם, אַנטוויקלען די דערציִערישע ליטעראַטור־קריטיק, באַוואָרנען דעם שרייַבער דורך אויסהיטן אים פון שונד און דורך אויפוועקן אין אים אַ כלל־געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט און פון אייגענער ווערדע.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז פּרצן אויסגעקומען צו פירן אַ צווייטן ליטעראַרישן קאַמף: קעגן דער מאָדע פון ווולגאַרן, פאַרטריקנטן, נשמהלאָזן רעאַליזם, קעגן דער האַרט־רעאַליסטישער שיטה וואָס זאָגט אַז „מען דאַרף נישט ווייַט קריכן, מען דאַרף נישט ליב האָבן, נישט פייַנט האָבן, מען דאַרף קיין צוועק, קיין תכלית; אַלץ איז גוט; אַרום און אַרום ליגן טעמעס ווי האָלץ! ווו דו ביסט, וואָס דו זעסט — באַשרייַב! וווינסטו למשל אין ווילנע — באַשרייַב די בלאָטע, ליגסטו אין בית־מדרש אונטערן אויוון — שטודיר די טאַראַקאַנעס"...

אין דאָזיקן פאָטאָגראַפישן, נישט־איבערקלייַבערישן, נישט־סעלעקטיוון רעאַליזם האָט פּרץ געזען נישט קיין קונסט נאָר נאָכמאַכנדיקן קונץ. ער האָט אָנערקענט אַז דער לייענער פאַרלאַנגט וואָס מער רעאַליזם און האָט עס אויסגעטייַטשט ווי אַ רעאַקציע קעגן די נישט־געשטויגענע שטותים, אויסגעקליגלטע באָבע־מעשיות און אוטאָפּישע חלומות, מיט וועלכע די ליטעראַטור איז געווען פאַרוואָלגערט. דער נאָרמאַלער לייענער קען נישט פאַרלייַדן ווען די לעבעדיקע ווירקלעכקייט ווערט נאָך אַנאַנד געוויקלט אין נעפּלען, אָבער אַ נאַקעט־נאַטוראַליסטישער, דרויסנדיקער רעאַליזם, אָן אַן אידעע, אָן נשמהדיקער אינערלעכקייט, אָן טרעפלעכער אָפּקלייַבערישקייט, טרעפט אויך נישט צום עולם און איז, אויסער דעם, ווייַט פון קונסט.

פּרץ אָנערקענט אַז „דער מאַטעריאַל פאַר דער קונסט איז די ווירקלעכקייט, — — — אָבער זען וויל מען מיטן אויג פון קינסטלער און דאָס קינסטלעראויג זעט די ווירקלעכקייט נישט אַזוי ווי זי איז, נאָר פיל ווירקלעכער, וואָרעם ער זעט איר אינערלעכן אינהאַלט, איר באַציִונג־אָפּהענגיקייט פון דער נשמה פון דער וועלט און פון דעם וואָס עס טוט זיך הינטער די קוליסן פון דער וועלט, אין אָפּהענגיקייט פון זייַן קינסטלערישער וועלט־באַנעם. — — קונסט איז אַ סוראָגאַט פון לעבן, נאָר זייער אָפּט טיפער, דערהויבענער און וואָרער ווי דאָס לעבן".

צווישן רויען רעאַליזם און מיסטישער ראָמאַנטיק זוכט פּרץ די ווירקלעכקייט — אַ דורכגעשטראַלטע מיט דעם קינסטלערס נשמה און אַ באַלעבטע מיט זייַן גייַסט, אָבער קיין מאָל נישט אַן אויפגעכאַפּטע דורכן טויטן גלאָז פון פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, אָדער אַ פאַרצייכנטע דורכן געשיכטלעכן כראָניקער, אָדער אַ פאַרשריבענע דורכן אויסגעטריקנטן פּראָטאָקאָליסט.

זייַנע ליטעראַרישע טעאָריעס האָט פּרץ פּראַקטיצירט אין זייַנע ווערק.

אין דער דורכגעלויטערטער טראַדיציאָנעלער סביבה און אויף די אַלט־שטייַגערישע סצענאַרן פון זייַנע נאָוועלן, סקיצן און דראַמעס, ברענגט ער אַרויס די סאָציאַלע, מאָראַלישע און אפילו עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון דער ווירקלעכקייט. פון דער צווייטער זייַט, איז זייַן רעאַליזם פול מיט פּסיכאָלאָגישער דורכגעוואָרעמטקייט, מיט אידעיִשער ציל־באַוווסטקייט, מיט ראָמאַנטישע פונקען און מיט זייַן אייגענעם נשמהדיקן אָנטייל.

די ווירקלעכקייט וואָס ער האָט געשילדערט האָט אַזוי אַרום געהאַט אַ קולטור־געשיכטלעכן יאָדער און דער רעאַליזם זייַנער האָט געהאַט אַ ראָמאַנטישע אונטערשיכט, אַ נשמהדיקן סובסטראַקט. זייַן געפילן־שטראָם און געדאַנקען־גאַנג האָבן צונויפגעבראַכט אויף איין איבערפלאַך דאָס דערהויבנסטע פון דער אַלט־יִדישער מאָראַל און דאָס שאַרפסטע פון די ראַדיקאַל־פּראָגרעסיווע איינשטעלונגען פון דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט.

## די ערשטע ליטעראַרישע הויפּטפיגורן פון דער פּרץ־תקופה.

אין מיטן פון דער פּרץ־תקופה, צווישן איין יאָרהונדערט און דעם צווייטן, ערב די רעוואָלוציאָנערע יוגנטיאָרן פון דער נייַער צייַט, האָט זיך די ליטעראַרישע סביבה גענומען אויספילן מיט פרישע ליטעראַרישע פיגורן, וואָס דאָס יִדיש־שטעטלשע הינטערלאַנד האָט צוגעשטעלט אין פּרצעס וואַרשע.

די נייַ־צוגעקומענע שרייַבער זענען גלייַך פון זייער ערשטן טראָט נישט געווען ענלעך איינער אויפן צווייטן, כאָטש זיי זענען אַלע אויסגעוואַרעמט געוואָרן אין איין און דער זעלבער פּרציסטן־נעסט. זיי האָבן זיך אויך נישט געהאַלטן בייַ פּרצעס דעמאָלטיקער ליניע פון רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק, פון סאָציאַל־קעמפערישער סימבאָליק און פון דערגרונטעווען זיך צו דער מאָראַלישער זוי־בערקייט פון פאַרגאַנגענעם פאָלקסטימלעכן לעבן. זיי זענען געקומען מיט שטיקער לעבעדיק לעבן, און האָבן אָט דאָס דאָזיקע לעבן אַרייַנגעטראָגן, אויף אַ פאַרשידנאַרטיקן אופן, אין דער יונגער יִדישער וואָרטקונסט.

פון פּוילישן שטעטל איז געקומען דער ערשטער פּאָעטישער שטעטל־באַזינגער שלום אַש. די לירישע פאַרכלינעטקייט און צעזונגענקייט פון זייַנע צוויי שטעטלווערק איז געווען דער ערשטער אויסדרוק פון בורזשואַזער ראָמאַנטיק אין דער יִדישער ליטעראַטור. דאָס רעאַלע שטעטל, מיט זייַנע שאַרפע קלאַסן־אונטערשידן און פּרעסנדיקער נויט, ווי פּרץ האָט זי געשילדערט אין זייַנע „רייַזע־נאָטיצן", איז בייַ אַשן אַרויסגעקומען ווי איין גרויסע אידיליע, ווי איין נגידיש־בורזשואַזער יום־טוב. פון איין זייַט איז דער דאָזיקער אַשיש־נגידישער שטעטל־יום־טוב געווען ווייַט פון פּרצעס רעוואָלוציאָנער־סימבאָלישער שבת־יום־טובדיקייט, און פון דער צווייטער זייַט, — ווייַט פון דער סאָציאַל־אויפגעצאַפּלטער צייַט. ס'איז געווען אַ לויבגעזאַנג צום פעטבייַטלדיקן סוחר, צו זייַנע פאַרגעניגנס, צו זייַנע אַפּעטיטן, צו זייַנע שוואַכקייטן און זייַנע תאוות אפילו... דאָס שטעטל גופא און אפילו די אַרומיקע נאַטור זענען בלויז געווען אַ גאָלדענע ראַם צום פּאָרטרעט פון אַלמעכטיקן שטעטלדיקן בורזשוי... און דערשינען זענען די דאָזיקע ווערק אין 1904 און 1913, ווען אין שטאָט און שטעטל איז שוין לאַנג אָנגעגאַנגען אַן אַקטיווער פּראָצעס פון סאָציאַלן אויפגעברויז. אָבער אַש האָט נישט געוואָלט שטערן די גבירישע שלווה פון זייַנע רב יחזקאלס און רב שלמהס...

אויך מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער האָט אין זייַן טרילאָגיע

„פאַרן מבול" געשילדערט די צײַט וואָס איז צונויפגעפאַלן מיט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָבן אים נישט אינטערעסירט די רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן און די יונג־סאָציאַלע כוחות, וואָס האָבן מיט נאַקעטע הענט אויפגעשטעלט אַ נײַע וועלט, נאָר ער האָט ווידער אַ מאָל באַזונגען די אײַנגעפונדעוועטע שטאָטישע בורזשואַזיע וואָס האָט נעבעך געמוזט פאַרלירן איר לעבנס־אָנהאַלט אין גרויסן היסטאָרישן שטרײַט...

סײַ אין שטעטל און סײַ אין שטאָט האָט זיך אַש שטענדיק געפונען אויפן צד פונעם גביר און איז געווען דער ראָמאַנטיקער פון דער ייִדישער בורזשואַזיע.

ווען אַש איז פון שטעטל געקומען קיין ווארשע, האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר אים נײַע פּראָבלעמען אין די גרענעצן פון דער בירגערלעכער און קליינבירגערלעכער משפּחה, ווו גאָט, געלט, היפּאָקריטישקייט און אָפט מאָל אַמאָראַלישקייט האָבן דראַמאַטיזירט די קאָנפליקטן. ער איז אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון די בטלנישע, אַנטיגעזעלשאַפטלעכע גאולה־זוכענישן נאָכן כלומרשט־„דעפּיניטיוון" דורכפאַל פון רעוואָלוציאָנערן פאַרמעסט פון יאָר 1905...



שלום אַש

דער דאָזיקער טראַגישער שטאָף האָט זיך געבעטן אין דער דראַמע אַרײַן און אַש האָט טאַקע אָנגעשריבן אַ ריי „סאָציאַלע" און „נאַציאָנאַלע" דראַמעס וואָס האָבן אויסגענומען נישט אַזוי מיט זייער סצענישער מײַסטערשאַפט, ווי מיט דער נײַקייט פון דער טעמע, אויף אַזוי ווײַט אַז זיי האָבן באַקומען אַ שנעלן אָפּקלאַנג אויך אויף דער נישט־ייִדישער גאַס, ווו מען האָט אין זיי אַרויסגעפילט אַ מין עקזאָטיש ריחל... די דראַמע „ייִחוס" האָט אפילו אַרויסגערופן, אין יאָר 1908, אַ ברייטע דיסקוסיע אין דער גאַנצער רוסישער פּרעסע: מען האָט זיך געפּלפּולט צי ייִדישע שרײַבער דעפּאָרמירן אָדער מאַכן מיאוס דאָס „רוסישע נאַציאָנאַלע פּנים" ווען זיי נעמען זיך צו רוסישער טעמאַטיק... די דאָזיקע דיסקוסיע איז אַזוי אינטערעסאַנט און ממש אַקטועל, אַז עס לוינט זיך אָפּצושטעלן אויף איר אין אַ באַזונדערער אַרבעט.

נאָך דעם ווי אַש איז אַריבער פון דער שטעטלשער אידיליע צו די טראַגישע קאָנפליקטן אין דער בירגערלעכער ייִדישער משפּחה, האָט ער ווידער אַ מאָל אַן אידעאַליזיר געמאַן זײַן שטעטלשן רב שלמה נגיד און האָט פאַרענדיקט זײַן ווארשעווער פּעריאָד מיטן אָנהייבן געשטאַלטיקן אַ ריי עמיגראַציע־ווערק. שטעטל, שטאָט, אַמעריקע — זענען די טעמאַטישע אָרטעטאַפּן פון זײַן ווארשעווער שאַפונג־פּעריאָד.

אויך שפּעטער פלעגט זיך אַש ספּאָראַדיש אַראָפּכאַפּן קיין ווארשע כדי אָנצוזאַפּן זיך מיט פּוילישער ייִדישקייט, אָבער אָפט מאָל פלעגן די דאָזיקע באַזוכן אַרויסרופן געזעלשאַפטלעכע סיכסוכים צוליב אַשס טאַקטלאָזיקייטן, פאַרדעכטיקע פאַרבינדונגען און נישט־קאָנטראָלירטער מיינונג־זאָגערײַ.

זײַן שנעלער יוגנטלעכער דערפאָלג האָט אַשן אָפט מאָל פאַרדרייט דעם קאָפּ. ער האָט באַקומען אַ נייגונג צו פּאָזע, צו עגאָיִסטישער „זעלבסטשטענדיקייט" און צו געזעלשאַפטלעכער וואָרטזאָגערײַ אין נאָמען פון זיך אַלײַן... נישט זײַענדיק קיין פּערזענלעכקייט אין פולן זינען פון וואָרט, האָבן זײַנע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען אָפט מאָל איבערראַשט מיט זייערע אַבסורדאַלע באַהויפּטונגען, אָדער האָבן געדינט דער רעאַקציע. מען וואָלט דאָ געקענט אויסרעכענען אַ גאַנצע ריי פון אַשישע סקאַנדאַלן, אומגעלומפּערטקייטן, קריגערײַען און קאָנפליקטן...

שוין אין זײַן ווארשעווער פּעריאָד האָט זיך אַש אַרויסגעוויזן ווי אַ ברייטפאַרנעמיקער שרײַבער, כאָטש צו די האָרעפּאַשנע ייִדישע מאַסן האָט ער קיין מאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין טיפערן קינסטלערישן אינטערעס. זײַן שרײַבערישע גרויסקייט פאָרט זיך אויך נישט מיט וואָרטקינסטלערישקייט און מיט שפּראַכמײַסטערשאַפט. זײַן שפּראַך איז אַ צעשויבערטע, אַן איבערגעשוימטע און לײַדט אפילו צײַטנווײַז אויף אַ דעפעקטיוון זאַצבוי. אַשן פעלט דאָס געפיל פאַר קולטיווירן דאָס וואָרט, פאַר שלייפן זײַן שפּראַך־אינסטרומענט, און דאָס איז ממש אומבאַגרײַפלעך בײַ יעדן באַדײַטנדיקן שרײַבער. עס איז אוממעגלעך צו ציטירן כאָטש איין בײַשפּיל פון וואָרט־דערפינדערישקייט אָדער וואָרטאויפטו אינעם אָקעאַן פון אַשס שריפטן. ער זעט און ער פילט קינסטלעריש, אָבער ער האָט נישט קיין סובטעל־קינסטלערישן שפּראַך־חוש.

אַלע פּערזענלעכע, שפּראַכלעך־טעכנישע און אידעאָלאָגישע חסרונות פון אַשס שרײַבערישן טאַלאַנט האָבן זיך אין ווארשעווער פּעריאָד נישט געוואָרפן שטאַרק אין די אויגן, ווײַל ער האָט קודם־כל איבערראַשט מיט זײַן נײַער, דרייסטער און ברייטער טעמאַטיק. אין דער יונגער ווארשעווער שרײַבער־סביבה איז ער געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן, און אָט דער דאָזיקער פאַרמעסט, וואָס איז גלײַך באַמערקט געוואָרן דורך אייגענע און פרעמדע, האָט אים אַרויסגערוקט אין סאַמע פאָדערגרונט פון דער וואַקסנדיקער ליטעראַטור.

פון פּוילישן שטעטל איז אויך אַראָפּגעקומען ה. ד. נאָמבערג, אָבער געקומען איז ער קיין ווארשע אָן שטעטל־סענטימענטן און אָן קיין שום ליטעראַרישן שטעטל־באַגאַזש. פאַרקערט, — אַ געוואַלדיקע שנאה האָט געברענט אין אים צו דעם אַלץ וואָס דאָס שטעטל האָט באַדײַט אין טראַדיציאָנעלן, שטיגערישן און ראָמאַנטישן זינען. ער איז געקומען מיט אינערלעך־רעוואָלוציאָנערע אַנטי־שטעטל־שטימונגען און האָט געוואָלט פון זיך אויסשנײַדן ממש דאָס אַלץ וואָס האָט אים געבונדן, דורך זײַן דערציִונג, צו דער גרײַז־גראָער שטעטל־ייִדישקייט.

מיט דעם דערקלערט זיך וואָס ער האָט אויף אַן עקסטרעמען, צולהכעיסדיקן אופן געפּרוּווט קאָמפּענסירן זײַן אַמאָליקן לעבנס־שטייגער און דעם גאַנצן אַלט־ייִדישן לעבנספּיר. ער האָט אויף אַ דעמאָנסטראַטיוון אופן מחלל־שבת געווען אויף דער פּרומאַקישער נאַלעווקע־גאַס, ער האָט מיט ענטוזיאַזם גערעדט נאָך אַנאַנד וועגן

ערד און פראָדוקטיוויזאַציע, ער האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין אַקטיווער פאָלקיסטישער פאָליטיק, ער האָט געפּרוּווט פאַרגיטיקן זײַנע ישיבה־בחורישע יאָרן מיט טענץ און מיט שפּילן ביליאַרד אין די גוישע קאַפעען אויף דער אַריסטאָקראַטישער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס...

אויסמעקן דאָס אַלטע און ווערן אַ נײַער מענטש — אַזאַ איז געווען זײַן דראַנג. פאָרמעל האָט זיך עס אים אײַנגעגעבן, אָבער פאַקטיש האָט ער אַ גאַנץ לעבן געפילט דעם נישט־פאַרהיילטן בראָך אין זיך, דעם יונגטבראָך וואָס ער האָט אָפט מאָל געפּרוּווט מילדערן מיט באָהעמישקייט און מיט פאַרטומלען זיך...

אויך אין שרײַבן האָט ער ס׳רוב געשילדערט איבערגעבראָכענע מענטשן, אויסגעוואָרצלטע און נישט־דערגאַנגענע, פסיכישמאַכטלאָזע, וואָס זייער בענקעניש האָט נישט קיין ברעקל כוח צו ווערן ווירקלעכקייט.

דאָס זענען ס׳רוב נישט־דערבאַקענע אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך געגריבלט און געגראַבלט אין דער טראַגיק פון דער אייגענער אומבאַהאָלפנקייט, געוואָלט איבערקליגלען דאָס נאָרמאַלע לעבן און געבליבן שטענדיק פון הינטן.

זײַן העלד פליגלמאַן, דער מאַן מיט די צעבראָכענע פליגל, איז אַרײַן אין דער פאַמיליע יִידישע טיפּן, וואָס די ליטעראַטור האָט אויסגעבאָרגט דער יִידישער באַגריפן־טערמינאָלאָגיע. אין דער אמתן איז זײַן ליטעראַרישער סקעפּטיציזם נישט שטענדיק געווען אַ קאַטעגאָרישער און אַ פאַרצווייפלטער. פאַראַן בײַ אים אויך גוטמוטיקייט און ווייכקייט, ספּעציעל בײַם שילדערן פּרוויִנציפּן, אָבער אין אַלגעמיין איז דער טיפּאַזש פון זײַנע געציילטע בעלעטריסטישע ווערק אַ נישט־באַפרידיקטער, אַ רעזיגנירטער און אַ האָפנונגסלאָזער.

ער האָט ריכטיק אויפגעכאַפּט די צעפאַלונג־טענדענץ פון די אַסאָציאַלע כאַראַקטערן און פון דער מאָראַליש־אויסגעלײדיקטער בירגערלעכער משפּחה, אָבער קיין אויסוועג האָט ער נישט געזען און דערפאַר — דער דאָזיקער טאָן פון אָפּגאַנג און פון אָפּגעלעבטקייט.

אין זײַן עסייִסטיש־פעלעטאָניסטישן שאַפן איז זײַן געזעל־



מצבה פון ה. ד. נאָמבערג

שאפטלעכע קריטיק געווען א מער קאנסטרוקטיווע און האפערדיקע. ער האט אפט געשניטן מיט איראניע און שכל־הישרדיקייט, און דעפינירט דרייסט דאס בייז. אין משך פון 25 יאר זשורנאליסטישער גרויסארבעט האט זיין ווארט געווירקט און אפט מאל איינגעשטעלט נארמעס.

פון ווייטן ליטווישן שטעטל איז אראפגעקומען קיין ווארשע דער אימפעטפולער אברהם רייזען און זיין פערז האט זיך גלייך גענומען באוועגן אויף מוזיק. די פאלקסטימלעך־מעלאדישע מוזיקאלישקייט פון זיין פערז איז געווען דאס מאגישע דרעטל מיט וועלכן דער דיכטער האט אויפגעבראכן אפילו יענע פארפאנצערטע יידישע אויערן, וואס זענען אויף זיבן שלעסער פארהאקט געווען פארן יידישן דיכטערישן ווארט. מיטן כוח פון דער אינערלעכער און אויסערלעכער מוזיקאלישקייט פון זיין פערז האט ער אריינגעהויכט שטילווינטלדיקן טרויער און פרייד, עמאציע און אויפרודערונג אין יידישע הערצער, און ארויסגערופן נישט נאר רעספעקט נאר אפילו סענטימענט צו דער אויפגייענדיקער יידישער פאעזיע.



אברהם רייזען

אין גרונט גענומען וואלט מען זיך געדארפט וווּנדערן, וואס גראד דער דאזיקער טרוקענער ליטוואק, דער דאזיקער דיכטער וואס האט געשטאמט פון דער ארעמער, זאמדיק־שטיינערנער, גריקענער, גרויפענער און קארענער ליטע, ווו דאס יידישע לעבן איז אפגעגאנגען אין נויט, מיט „הערינג״ און „בולבע״, האט אריינגעבראכט אזא מין פרישקייט, לייכטקייט און צעזונגענקייט אין דער יידישער ליטעראטור ,בפרט נאך אז זיין פאעטישע טעמאטיק האט ער ארויסגעגראבן פון אונטער בערג מיט יידישן עלנט, אומעט און נויט. ווער עס קען אבער ליטע, ווייס, אז דער ליטווישער ייד האט זיך אויסגעצייכנט נישט נאר מיט זיין אינטעלעקטועלער פארטיפטקייט, קאלטן שארפזין און פיקחותדיקער למדנישקייט, נאר אויך מיט שארפער עמאציע און טיפער, גייסטיק־געליטערטער, פאעטישער שפירעוודיקייט.

אין רייזענס דיכטונג האבן גלייך פון אנהייב גענומען קרייזן פארשידענע מאטיוון: סאציאלע עלעגיע, יחידישער טרויער, ראמאנטיק פון יידישן עלנט, יונגנטלעכע פארצווייפלונג, טרוימערישע ליבע און סאציאלער אויפברויז. מער פון אלץ האבן גרויס געמאכט רייזענען זיינע סאציאל־קעמפערישע געזאנגען, וואס זענען, איבער פארטייען און ריכטונגען, געווארן אמתע הימנען פון פרייהייט און וואס האבן געטראגן באהאלטענע־הייט אין זייערע קנייטשן די העל־



פארביקע שטרעבונגען פון די יידישע מאסן, וועלכע האבן זיך נישט געוואלט לאזן דערווערגן דורך די צארישע לאפעס.

רייזענס לידער זענען נישט באגלעקלט און נישט באפרענדזלט, און מאכן דערפאר אפט דעם איינדרוק פון סטיליזירטער פאלקסשאפונג. פון דאנען נעמט זיך אויך זייער מעלאדישקייט, זייער שטרעבונג צו באהעפטן זיך מיט מוזיק.

רייזענס קורצאטעמענדיקע, פירשורההדיקע סטראפע, וואס טענצלט אונטער אויף אירע לייכטע פערזנפיס, קען מען דערקענען פון דער ווייטסטער ווייט. עס שלעפן זיך איר נישט נאך קיין קינסטלעך־געקרייזלטע לאקן און מען זעט אויך נישט ביי איר קיין איינגעבוירענע אדער דערווארבענע צעשויבערטקייט. רייזענס לידער זענען שטענדיק אפגעשוירן קורץ, אזוי קורץ, אז מען דארף נישט זוכן צי זיי האבן א שרונט אויף וועלכן דעם לייענערס געדאנק אדער געפיל זאל זיך קענען באוועגן, כדי צו טרעפן זיך מיט דעם וואס רייזען האט אויסגעדריקט. דער זין פון זיין יעדן ליד איז אנטבלויזט פאר אלעמען.

רייזענס פשטות און קארעקטקייט, זיין זוכן דעם פרט אין לעבן און זיין אפגעבן זיך דער יחידישקייט האבן אויף א נאטירלעכן אופן אריבערגעוואנדערט פונעם ליד אין דער דערציילונג און געפונען דארט א פאראלעלן פראזאישן וועג פאר זיינע איבערלעבונגען און פאר דער מער פרייער אויסלאדונג פון זיינע געפילן. די דערציילונגען צייכענען זיך אויס מיט זייער פיינעם אינהאלטלעכן איינפאל, מיט דעם איראניש־באזאכטן הומאר, וואס גייט ארום אויף די שפיץ פינגער צווישן די שורות און מיט דער דיכטערישער אינספיראציע וואס איז אפט מאל פאראן אין זיי.

רייזענס פאלקסטימלעכע ליריק און זיין מעלאדישער אומעט, זיין שטילער קאמפסגייסט און זיינע סאציאל־עטישע איינשטעלונגען האבן גלייך פון אנהייב געטראפן צום געמיט פון יידישן פאלקסמענטש, וואס האט דערשפירט דעם אייגנארטיק־עמאציאנעלן שטראם פון רייזעניזם, פון גוטן איבערגעגעבנעם און אייגענעם רייזעניזם, וואס לעבט אזוי נאטירלעך ווי עס לעבט די מוטערשפראך ביים פאלק אין מויל.

דער דאזיקער פאעט האט איבערראשט מיט נאך א נישט־פאעטישן שטריך: פון זיינע ערשטע יוגנטיארן אן איז ער געווען באזעלט מיט אונטערנעמערישקייט, נישט אויפן פערזענלעכן געביט און נישט לטובת זיך אליין, נאר לטובת דעם געזעלשאפטלעכן אנזען פון נייעם, קוים אויף די פיס שטייענדיקן יידישן ווארט, וואס האט וווּנדערקינדעריש גענומען וואקסן, אבער וואס איז נאך געווען שוואך אין די עלנבויגנס . . .

זיין גרינדן אין ווארשע דעם „דאס צוואנציקסטע יארהונדערט״, אויפן סאמע שוועל פון דאזיקן יארהונדערט, איז בלויז געווען אן אנהייב. שפעטער ערשט האט דער דאזיקער קליינשטעטלדיקער קיידאנאווער יונגער־מאן צענומען די הענט: אין פיר לענדער האט ער במשך פון 20 יאר, געגרינדעט אכט ערנסטע, וואגיקע צייטשריפטן. מען קען זאגן אז קיין איינער פון די יידישן שרייבער, נישט אפילו פרץ און שלום־עליכם, האט זיך אזוי פיל באמיט און אזוי פיל „זיך געשניטן אין ביין״ פאר דער ארגאניזירונג פון א יידישן צייטשריפט־וועזן און פאר דער ארויסהייבונג פון אן ערנסטער ליטערארישער טריבונע.

אמת, די מערכה פון די אלע צייטשריפטן איז נישט געווען קיין מזלדיקע. רייזען האט נישט געהאט די גרויסע אויטאריטעט צו פארוואנדלען זיי אין ארגאנען פון וואגיקער ווארטזאגערישקייט

און האָט נישט געהאַט קיין מאַטעריעלע מעגלעכקייטן צו פאַרהיטן זייער יונגן געביין פון שנעלן אונטערגאַנג, אָבער דער עצם פאַקט פון נישט אַנטווישן זיך, פון זוכן אָן אויפהער געזעלשאַפטלעכן קאָנטאַקט צווישן ליטעראַטור און לעבן, איז געווען אַ באַווייַז פון רייזענעם בטחון אין יידישן וואָרט, פון זייַן ליטעראַרישן אימפּעט און אונטערנעמערישן אומרו.

פון זעלבן יידיש־פּוילישן הינטערלאַנד איז געקומען דער ערשטער רעאַליסט פונעם שטעטל י. מ. ווייַסענבערג, וואָס האָט אַרייַנגעבויט אין דער יידישער ליטעראַטור אַ פּויליש שטעטל ווי עס שטייט און גייט, מיט זייַן נאַטירלעכן אויסזען, מיט זייַנע סאָציאַלע אומחנען, מיט זייַנע שאַרפע קלאַסן־אונטערשידן און דער עיקר — מיטן ערב־רעוואָלוציאָנערן צייַטגייַסט וואָס האָט אַ טרייסל געטאָן די פאַלשע געזעלשאַפטלעכע האַרמאָניע און די כלומרשטע אידילישע שלווה פונעם שוואַרצחנעוודיקן שטעטלע...



י. מ. ווייַסענבערג

די בעל־מלאכהשע און פּראָלעטאַרישע געשטאַלטן וואָס ער ברענגט אַרויס אין זייער גאַנצער פאָלקסטימלעכקייט, פּילן אויס אויף אַ נאַטירלעכן אופן די טאָג־טעגלעכע לעבנס־ווירקלעכקייט מיט זייער פּרימיטיווער לייַדנשאַפט, דאָרשט נאָך גערעכטיקייט און דראַנג צו באַפרידיקן די רויע אָבער געזונטע אינסטינקטן.

דאָס קלאַסן־קעמפערישע פאַרהאַרטעוועט־ווערן פון דער פּראָליטעראַרישער יוגנט פּנים־אל־פּנים מיט דער תקיפותדיקער קאָאַליציע פון בעל־הביתישן געזינדל און פון דער צאַרישער סאַטראַפּיע, איז איינער פון די הויכפּונקטן אין ווייַסענבערגס סאָציאַלן רעאַליזם. ווייַסענבערג האָט דער ערשטער אַרייַנגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור דעם רעוואָלוציאָנערן ערב־פרילינג און אַרייַנגעבראַכט האָט ער אים דירעקט פון לעבן און פון דער יונגהאַרציקער טרויערישקייט פון נייַעם קעמפערישן דור.

צוזאַמען מיט זייַנע פאָלקסגעשטאַלטן האָט ווייַסענבערג אויך אַרייַנגעבראַכט זייער פאָלקסיידישקייט, — דעם קלאַנגפולן און זאַפטיקן יידיש פון טיפּפּוילישן שטעטל. דאָס איז נישט געווען בייַ אים קיין סטיליזירנדיק חנדל, קיין געיעג אויף פאָלקלאָריסטיק און אוודאי נישט קיין נאַטוראַליסטיש קוויקן זיך מיט זעלטענע שפּראַך־אויסטערלישקייטן. ער האָט פּשוט און אָן באַזונדערע אָנשטרענגונגען פאַראייגנט ליטעראַריש די פאָלקסשפּראַך, נישט מאַכנדיק זי געדיכטער ווי זי איז געווען אין לעבן און נישט מיסברויכנדיק מיט „אינטערעסאַנטע" צוגעשמינקטקייטן.

ווייַסענבערגס שאַפן האָט אָבער אויך אַ משונהדיקע שאָטנזייַט. מיר מיינען דאָ נישט די אויסגעטראַכטע מוסר־השכלדיקע אָדער נסיונדיקע דערציילונגען, מיט וועלכע ער האָט אָנגעהויבן אַראָפּצוגיין פון זייַן פעסטן רעאַליסטישן דרך, נאָר דער עיקר — זייַן אַרייַנטאָן זיך אין פּראָבלעמען־זוכערייַ.

נישט זייַענדיק קיין קאָנסעקווענטער פּראָגרעסיוו־באַוווּסטזיניקער מענטש, איז ער, סייַ אין זייַנע בלאַסע דראַמעס און סייַ אין זייַנע אָנגעפּלאָנטערטע ראָמאַנען פון טיפּ „אין דער טיפער אייביקייט", פאַרקראָכן אין מעטאַפיזיק, אין חקירות, אין כאַאָטישער געדאַנקען־אַקראָבאַטיק און ממילא פאַרלוירן אַלע קונסט־ און שפּראַך־אַטריבוטן פון זייַן קערנדיקן רעאַליזם, וואָס איז געווען דער היפּוך פון אַבסטראַקטער „אייביקייט" און פון אויסגעמוטשטער „טיפקייט".

אין דעם דאָזיקן אומכאַראַקטעריסטישן טייל פון זייַן שאַפן האָט ער אַליין געוואָלט זייַן דער וואָרטזאָגער, דער אַרויסברענגער פון זייַן אייגענעם געדאַנקען־גאַנג, אין דער צייַט וואָס די קראַפט פון זייַן שאַפן האָט געוואָרצלט נישט אין פּערזענלעכער וואָרטזאָגערישקייט נאָר אין רעאַליסטישן ווייַזן דעם אמת פונעם פּראָסטן אָרום.

אין לעבן האָט ער זיך דעמאָנסטראַטיוו געהאַלטן אָן אַ זייַט, אויף אַ פּאָזיציע פון יחידיש־סעקטאַנטישן קאַמף קעגן אַלץ און אַלעמען. ער האָט זיך, אויף אַן אומגעזעלשאַפטלעכן אופן, איזאָלירט פון דער שרייַבערישער סביבה פון וואַרשע, געפירט אַ לעכערלעך־פאַרביטערטן קאַמף קעגן די ליטוואַקעס און נישט קעגן די אמתע בירגערלעך־ציניש פאַראומווירדיקער פון דער ליטעראַרישער סביבה, און פאַרשפּאַרט זייַן מאַכט אין אַן ענג־פּערזענלעכן פּאָנעטישן אויסלייג, ווי דאָס איז ספּעציעל געקומען צום אויסדרוק אין זייַן צולהכעיס־אָרגאַן „אינדזער האָפענונג".

דאָס שאָלעכצדיקע און דאָס פּעריפערישע אין ווייַסענבערגס שאַפן, אין זייַן אופן פון רעאַגירן אויף פאַרשידענע דערשייַנונגען, פאַרמינערן אָבער נישט אויף אַ האָר זייַן גרויס־רעאַליסטישן בייַטראָג צו דער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן, צום עכט־קינסטלערישן בילד פון יידישן שטעטל.

צווישן אַ רייַ אַנדערע שרייַבער פון דער פּרץ־תקופה, ס'רוב פון זיי אַ ביסל שפּעטער צוגעקומענע, האָבן זיך געפונען:

דער פּרץ־ענטוזיאַסט אפרים קאַגאַנאָווסקי, איינער פון די ווינציקע אויטענטישע וואַרשעווער צווישן די שטעטל־אָפּשטאַמיקע שרייַבער.

אויף אַ שפּילעוודיקן, שטימונגפולן און לייַכט־פּסיכאָלאָגישן אופן האָט ער אַרויסגעסקיצירט פון דער וואַרשעווער אָרעמקייט, אונטערוועלט און קליינבירגערטום אַ ריי געשטאַלטן, וואָס ווי שטריכנמעסיק און בלייַפעדערדיק־סכעמאַטיש זיי זענען נישט סקיצירט געוואָרן, איבערצייַגן זיי מיט זייער לעבעדיקן אמת און ווירקן מיט זייער לויטערקייט, געמיטלעכקייט און קלאָרקייט, ווי ס'ווירקט אַ פרימאָרגנדיקער וואַלס אָדער ווי אַ גאָר לייַכטער קאַווקאַזער ווייַן.

שלמה גילבערט, אויף וועמען פּרץ האָט געזאָגט אַז ער „טראָגט דעם הויקער פון 2000 יאָר יידישקייט" און וועמען די הענדלערקעס פון „אייַזערנעם טויער" האָבן געהאַלטן פאַר אַ מין למד־וואָווניק, האָט זיך אַ גאַנץ לעבן געראַנגלט מיט אַ שווערער מיסטיש־טראַדיציאָנעלער קולטור־ירושה און מיט נאָך אַ שווערערן טובערקולאָז.

אין זײַנע עלעגישע און סובטעלע נאָוועלן האָט ער געפּרוּווט אַרויסברענגען אָרנטלעכע, שטילע פּאָלקסמענטשן אויפן פאָן פון דער געזעלשאַפטלעכער אומגערעכטיקייט, אויסנוצערײַ און פאַרכאַפּערישקייט. פאַר איין וועגס האָט ער געגעבן פײַנע און פרישע שילדערונגען פון פּוילישן דאָרף. בײַ אַלע געלעגנהייטן האָט ער זיך, מיט זײַן גאַנצן האַרצן, געפונען אויפן צד פון די סאָציאַל־באַוואָלטע. שפּעטער צו האָט ער זיך אַרײַנגעטאָן אין אָקולטיזם און ספּיריטיזם, וואָס האָבן אים כמעט ווי אָוועקגעריסן פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

אַ פּרוכטיקער, אָבער צעשויבערטער און כאַאָטישער שרײַבער איז געווען יואל מאַסטבוים. פול מיט טעמאַטיק און מיט ברויזיקער שטראַמיקייט, אָבער אָן קיין שום ליטעראַרישער קולטור, האָט ער געהאַט די אַמביציע צו געבן, מיט אַן אייראָפּעיִשן פאַרנעם, ריזיקע לאַגישע קרובישאַפט דאָס וואָס די פּרץ־אַטמאָספער און די פּערץ־שטימונג האָט בײַ זיי אַלעמען געשאַפן, איז געווען די געמיינשאַפטלעכע אָנונג פון אַ גרויסן ליטעראַרישן אויפקום און אַ געוואַלדיקע ליבע צום פענאָמענאַל־וואַקסנדיקן ייִדישן מאַמע־לשון, וואָס האָט טאַקע מיט זייער אַלעמענס הילף באַקומען דעם טשערנאָוויצער אַטעסטאַט פון נאַציאָנאַלער דערוואַקסנקייט. אויסער דעם חאָט, פון אָנהייב, כמעט בײַ יעדן פון זיי געטליִעט אַ געפיל פון סימפּאַטיע צו דער נײַ־היסטאָרישער צײַט און צו איר רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד, הגם שפּעטער צו, אין די נאָכרעוואָלוציאָנערע צײַטן, האָבן אַ סך פון זיי מיטגעמאַכט די מאָדע פון די אינטעליגענטישע גאָטזוכענישן, פון די ענג־פּסיכאָלאָגישע און סימבאָליסטישע גריבלענישן און פון אָפּקערן זיך פון לעבעדיקן איצט אין נאָמען פון אייביקער שיינקייט אָדער ייִדישער אייביקייט...



נאָמבערג, זשיטלאָווסקי, אש, פּרץ און רייזען אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ

שטיקער פון ייִדישן לעבן: אַזוי אין זײַן ראָמאַן „דרײַ דורות", וואָס איז פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ ליטעראַריש־פּסיכאָלאָגישער קווערשניט דורך דער סאַמע דינאַמישסטער און קאָמפּליצירטסטער עפּאָכע אין מאָדערנעם ייִדישן לעבן; אַזוי אויך אין „נחומקעס וואַנדערונגען" — אַ ווערק וואָס נעמט זיך אויסוויקלען אין פאַרוואָרפּענעם שטעטל און דערגייט אַזש צו די בוענאָס־אײַרעסדיקע טמאים.

דער אינטערעסאַנטער, פּרטימדיקער מאַטעריאַל, מיט וועלכן מאַסטבוים האָט באַוויזן אָנצופילן זײַנע ווערק, וואָלט אין די הענט פון אַ גרעסערן קינסטלער, שפּראַכמײַסטער און ליטעראַרישן אַרכיטעקטאָר געגעבן מער אימפּאָזאַנטע רעזולטאַטן. עס האָט אים געפעלט חוש פאַר סעלעקציע, פאַר וואָקאַבולאַרן און סטיליסטישן צימצום, פאַר געניטערן קאָמפּאָזיציאָנעלן פּאַטאָ־מאָנטאַזש און פאַר געניטער און שכלדיקער פונאַנדערטיילונג פונעם לעבנסשטאָף, וואָס ער חאָט אָפט פאַרוועבט מיט צעצויגענע וויזיעס, אויסגעחלומטקייטן און אַן אָנשיט פון סתם זכרונות און זײַטיקע איבערלעבונגען.

---

די שרײַבער וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום פּרצן האָבן נישט געשאַפן דאָס וואָס מען איז געוווינט צו באַצייכענען מיטן טערמין „ליטעראַרישע שול", אין זינען פון האַלטן זיך בײַ געוויסע גרונדאידעען און גרונדפּרינציפּן בנוגע שרײַבערישן נוסח, און אפילו בנוגע אינהאַלטלעכע צילן פון באַזונדערע ליטעראַרישע ווערק.

עס האָט זיי אויך נישט געבונדן קיין שום קאָנקרעטע אידעאָ־

## די אומאָפּהענגיקע וואַרשע און איר ליטעראַרישער לעבנסוועג

די אימפּעריאַליסטישע מלחמה, די אָקטאָבער־רעוואָלוציע און דאָס אויפקומען פון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן, מיט זייערע אומגעווייִנטלעכע געאָגראַפישע, רעמאָגראַפישע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע ענדערונגען, אויך אַ שטאַרקן מיש געטאָן דאָס ייִדישע לעבן און אַ שטויס געטאָן עס נאָך נענטער צום פאָדערגרונט פון דער נײַער געשיכטע.

אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי פריידיק, אַזוי איבערקערעריש, אַזוי פאַרויסלויפנדיק. דאָס אומפאַלן פון דער צאַרישער טיראַניע, די רעוואָלוציאָנער־העראָיִשע ראָמאַנטיק פון אָקטאָבער, די נאַציאָנאַלע פאַרווירקלעכונג פון די דורותדיקע פּוילישע אומאָפּהענגיקייט־טרוימען, די פײַערלעך־פּראָקלאַמירטע פּאָסטולאַטן פון בירגערלעכער פרײַהייט און די אינטערנאַציאָנאַלע אָנערקענונג פון די רעכטן פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן — דאָס אַלץ האָט צעוואַרעמט די געמיטער פון דער ייִדישער יוגנט און האָט גאָר הויך אויפגעהויבן איר לויטערן אידעאַליסטישן לעבנס־אימפּעט.

דער פאַקט וואָס דאָס אויפקומען פון פּוילן איז פאַרשוועכט געוואָרן מיט שאָוויניזם, אַנטיסעמיטיזם, פּאָגראָם־העצע און פּריציש־שליאַכעצקער שנאה צום אָקטאָבער־לאַנד האָט ראַדיקאַליזירט אַ גרויסן טייל פון דער ייִדישער יוגנט און נאָך מער אויסגעאיידלט

און פאַרפעסטיקט איר אידעאַל פון אַ הומאַניסטיש פאָלקספּוילן. אין דער זעלבער צײַט איז דאָס ייִדישע בירגערטום געװען האַלבגלײַכגילטיק צו די היסטאָרישע ענדערונגען. אין די האָניק־חדשים פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט די ייִדישע בורזשואַזיע געפּרוּװט צו זײַן משיחיש פאַרשכורט, אָבער שפּעטער האָט זי דעם גאַנצן פּראַקטישן ציוניזם איבערגעלאָזט אויפן באַראָט פון די אָרעמע חלוצישע ייִנגלעך... װאָס שייך דער אַסימילאַציע, איז זי דאָ געװען אַזוי קלײנאינדזלדיק אין די גרענעצן פון איר גרױסשטאָטישקייט, אַז זי האָט זיך נישט אָנגעזען צװישן די קאָמפּאַקטע פאָלקס־ייִדישע מיליאָנען.

װאַרשע, װאָס איז פון אַ פּראָװינציעלער שטאָט אין אַ סאַטראַפּישער אימפּעריע געװאָרן אַ הױפּטשטאָט פון אַן אומאָפּהענגיק לאַנד, האָט דורך איר נײַער אַלגעמײנער פּאָזיציע גענומען װערן אויך די צענטראַלע פּאָזיציע אין ייִדישן מאַסן־ייִשוב און במילא אין זײַן קולטור־לעבן.

די גרױסע ייִדישע באַפעלקערונג פון די שטיקער ליטע, אוקראַיִנע און װײַסרוסלאַנד, װאָס זענען אַרײַן אינעם געװעב פון דער נײַער מלוכה, האָבן צוזאַמען מיטן אויטענטישן פּוילישן ייִדנטום, אויסגעפאָרמירט דעם דאָזיקן נײַעם ייִדישן ייִשוב פון איבער 3 מיליאָן מענטשן. די באַזונדערע באַשטאַנדטײלן זײַנע, װאָס האָבן זיך שטאַרק אונטערשײדט צװישן זיך מיט זײערע געװוינהייטן, מיט זײער קולטור־אָנלאָדונג און מיט זײער ייִדיש אפילו, האָבן זיך אין פאַרלויף פון די געמײנזאַמע פּוילישע יאָרן גענומען פאַראײנהײַטלעכן, און װאַרשע האָט, פאַרשטײט זיך, געשפּילט אַ צענטראַלע ראָלע אין דער דאָזיקער אינערלעך־ייִדישער צװישן־„אַסימילאַציע", ספּעציעל אויפן קולטור־געביט.

אין װאַרשע האָבן זיך קאָנצענטרירט ייִדישע קולטור־כוחות נישט נאָר פון אַלע נײַ־פּוילישע עקן פון לאַנד, נאָר אויך פון דערבײַיִקן אויסלאַנד. פון רוסלאַנד, ליטע און עסטרײַך זענען אין דער הױפּטשטאָט פון נײַ־אויסגעפאָרמירטן ייִדישן מאַסן־ייִשוב אַרײַנגעדרונגען יחידים און גרופּעס, װי למשל די גרופּע פון דער קיִעװער „קולטור־ליגע", װאָס האָט גלײַך נאָך איר אָנקומען אין װאַרשע, אין יאָר 1921, פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם שעפעריש־אָרגאַניזאַטאָרישן אָרט אין ייִדישן קולטור־לעבן.

ס'איז כדאַי צו באַמערקן אַז גראָד אָט די פּעריפערישע, נישט־פּוילישע און אויסלענדישע גרופּעס האָבן זיך צום מערסטן און צום ענערגישסטן אַנגאַזשירט אין שאַפן די לאַנדבאַזעס פאַר דער ייִדיש־װעלטלעכער קולטור, װיסנשאַפט און ליטעראַטור. זײ האָבן אַרײַנגעבראַכט ברען און דינאַמיק אין דער פּויליש־ייִדישער געמיטלעכקייט און באַזאַכטקייט.

גאָר שנעל איז װאַרשע געװאָרן דער קולטור־צענטער פון אַ ייִשוב, װאָס האָט אָפּגעצייכנט זײַן קולטור־אַקטיװ מיט 300 דערשײנענע ביכער אַ יאָר, מיט 15 טעגלעכע צײַטונגען, 30 װאָכנבלעטער, הונדערטער ייִדישע פאַרלאַגן און קולטור־צענטערס און ביבליאָטעקן. מיט דעם אַלץ איז באַדינט געװאָרן אַ לײענערשאַפט און אַ יוגנט, װאָס די גאַנצע נשמה זײערע און אַלע זײערע פאַראינטערעסירונגען האָבן נישט געװוּסט פון קײן אַנדער אויסדרוק־מיטל װי ייִדיש.

דער װאַרשעװער צענטער, צוזאַמען מיט די גרױסע, אײגנאַרטיקע סובצענטערס פון װילנע, לאָדזש און לעמבערג, האָט גלײַך פון אָנהײב דערפילט אַרום זיך דעם נײַעם מאַסן־פאַרבױכער, דעם לײַדנשאַפטלעכן פאָלקס־קאָנסומענט פון ייִדישער קולטור. דערפאַר האָט אײנע פון די ערשטע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, — די „קולטור־ליגע", — אַזױ פאָרמולירט אירע צילן אין איר ערשטן מאַניפעסט:

„באַשאַפן בײַ ייִדן אַ ברײטע, אומפּאַסנדיקע, מאָדערנע קולטור, מיט אַלע אירע קאָלירן און ניואַנסן, מיט אַלע אירע דערגרײַכונגען און זוכענישן פאַר די ייִדישע מאַסן, װאָס גײען אַרױס פון טונקעלן הינטעראױװן צו דער ליכטיקער זון פון דער מאָדערנער װעלטקולטור". פון דער צװייטער זײַט: „אַרױסשעפּן פון דער ייִדישער מאַסע אירע באַהאַלטענע שאַפונגס־כוחות, געבן אַ מעגלעכקייט די טאַלאַנטן, װאָס אונדזער מאַסע רוקט אַרױס, צו װאַקסן און געדײען, פונאַנדערצוװיקלען זײערע מעגלעכקייטן".

װאַרשע איז אויך געװאָרן אַ װעלטצענטער פון דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור, צוזאַמען מיט די יונגע װעלטצענטערס פון מאָסקװע און ניו־יאָרק. שרײַבער פון ראַטן־פאַרבאַנד און פון צפון־אַמעריקע פלעגן זיך באַװײַזן און אפילו פאַרזאַמען אין װאַרשע, און שרײַבער פון פּוילן האָבן עמיגרירט סײַ קײן ראַטן־פאַרבאַנד (צוליב רײן־אידעאָלאָגישע מאָטיװן, פאַרשטײט זיך) און סײַ קײן צפון־אַמעריקע (צוליבן אידעאַל פון ליטעראַרישע פּראָפיטן).

װאַרשע — דער ייִדיש־פּױלישער װעלטצענטער, דער קנופּפּונקט פון יונגן, קולטור־דינאַמישן מאַסן־ייִשוב, איז געלעגן צװישן צװײ װעלטן: דער גרױס־קאַפּיטאַליסטישער און גרױס־סאָציאַליסטישער. די אײגענע הײמישע פאָלקס־אָרעמקייט און װאַקסנדיקע רעכטלאָזיקייט האָבן נישט געשטערט די ייִדיש־לעבנדיקע און ייִדיש־רעדנדיקע מיליאָנען צו זײַן אײַנגעגלױבט אין דער נײַער גרױסער צײַט בפרט אַז אפילו אין גרױס־קאַפּיטאַליסטישן ניו־יאָרק איז די ייִדישע קולטור, אין יענע פריִע צװאַנציקער יאָרן, געשטאַנען מיטן פּנים צום נײַװעלטיקן מזרח, אויף אַזױ װײַט, אַז אַלע װערטפולע ייִדישע שרײַבער זענען געװען מיטאַרבעטער פון דער „מאָרגן־פרײַהײט" און פון פּראָלעטפּענישן „האַמער".

---

די ייִדישע ליטעראַטור אין די ערשטע יאָרן פון נײַעם פּױלן איז, מיט אירע דריבנע קלײנבירגערלעכע טריטעלעך, געבליבן הינטערשטעליק, נישט מיטגעגאַנגען מיט דער נײַער צײַט. װעגן פאַרלױפן דעם װעג דער נײַ־געשיכטלעכער עפּאָכע אויף אַ װיזיאָנערישן אופן האָט גאָר קײן רײד נישט געקענט זײַן.

די צװײ װיכטיקסטע שרײַבער װאָס זענען איבערגעבליבן פון דער פּרץ־תקופה, נאָמבערג און װײַסענבערג, זענען געװען װײַט פון װעלן און קענען אײַנשטעלן װאָרטזאָגערישע, אידעיִשע אָדער נײַקינסטלערישע נאָרמעס. נאָמבערגס בעלעטריסטישע מעגלעכקייטן זענען שױן געװען אויסגעשעפּט, און װען אפילו זײ װאָלטן נישט געװען אויסגעשעפּט, װאָלטן זײ אַלץ אײנס נישט צונױפגעפאַלן מיט די האָפענונגען און מיטן לײַדנשאַפטלעכן בטחון פון נײַעם דור. זײַן פײַנע בירגערלעכע פּעליעטאָניסטיק האָט קײנעם נישט געקענט באַפליגלען אָדער דערװאַרעמען. װאָס שייך װײַסענבערגן, האָט זיך שױן געהאַלטן בײַ אים אין אָפּקילן זײַן טיף־סאָציאַלער נאַטוראַליזם און, פון דער צװײטער זײַט האָט ער זיך אַרײַנגעטאָן אין זײַן קלײנלעך־אומזיניקן אַנטיליטװאַקישן קאַמף...

עס זענען געװען אַנדערע שרײַבער װאָס זענען געװאָרן תושבים אין דער ייִדישער ליטעראַטור לאַנג פאַר דער מלחמה און װאָס האָבן אָנגעהױבן ברײטער צו װירקן אין די נאָכמלחמה־יאָרן.

אַזאַ איז געװען ז. סעגאַלאָװיטש. אָבער קײן שום פּאָזיטיװער צײכן פון דער נײַער תקופה איז נישט אַרײַנגעדרונגען אין זײַנע

ווערק. ער האָט זיך אין גאַנצן פאַרקליבן אונטער דער טשערעפּאַכע־שאָל פון זײַנע אינדיווידואַליסטישע שפּירונגען, בענקענישן און אַנטוישונגען, איזאָלירנדיק סײַ זיך, און זײַנע אויטאָביאָגראַפישע ווערק, און סײַ זײַנע העלדן פון דער געזעלשאַפטלעכער פּראָבלעמאַטיק און אוודאי פונעם צײַטגײַסט.

„זייער וועלט און זייער טומל" — האָט ער אָנגערופן אין „דאָס אַנאַרכיסטישע מײדל" די סאָציאַל־פּאָליטישע לעבנס־פּראָגעס און די צווישנמענטשלעכע כלל־אינטערעסן. אין „אונדזער פּרוי" זאָגט ער קלאָר און אָפן אָט וואָס:

„ווען איך קוק מיט מײַנע ברילן, דעמאָלט מוז איך אײַך זאָגן, אַז איך בין עגאָיִסטיש גלײַכגילטיק צו אַלע רעוואָלוציעס און איבערקערענישן. איך בין מיר אַ וועלט פאַר זיך. איך גלייב נישט אין קיין משיח. מענטשן זענען גוט און שלעכט פון דער נאַטור. אַזוי ווי וואַסער און פײַער וועט בלײַבן, אַזוי וועלן אויך פאַרבלײַבן די צוויי געפילן. דאָס איז שוין געזאָגט געוואָרן און איך, קליין מענטשעלע, חזר עס איבער".

ער איז שטענדיק פאַרבליבן אַן אינעווייניק־אָפּגעגרענעצטער, אַן „אייביק איינזאַמער" און נישט געביטן זײַנע „ברילן"... געשילדערט האָט ער פונקט אַזוינע שטענדיקע געשטאַלטן, וואָס זענען אפילו נישט דערגאַנגען צו ווערן טיפן אָדער כאַראַקטערן, ווײַל אויך דאָס דירעקטע אַרויסברענגען מענטשן איז בײַ סעגאַלאָוויטשן אַרויסגעקומען פלאַך, סענטימענטאַל, פּסיכאָלאָגיש־דוי, קינסטלעריש־שוואַך, אָפּגעריסן פון אַ באַווירקנדיקער סביבה. די פרוי שילדערט ער נישט ווי אַ פולווערטיקן מענטשן, נאָר ווי אַ וועזן וואָס איז כסדר דאָמינירט פון אינסטינקטן, פון אומסטאַבילע ליבע־רעפלעקסן און פון אומפאַרויסגעזעענע קאַפּריזן.

אפילו אין איינעם פון זײַנע לעצטע ראָמאַנען, אין „דעם ווערעם טאָכטער", וואָס דאַרף שילדערן די רעוואָלוציע פון 1905 אויפן שטח פון די ביאַליסטאָקער פּראָלעטאַרישע „כאַנאַיקעס", זענען די רעוואָלוציאָנערע טעג כמעט ווי נישטאָ אין בוך. די רעוואָלוציאָנערן זעט מען נישט, זיי זענען עפּעס ווי שרעקשאָטנס וועגן וועלכע מען רעדט ווי וועגן מענטשן וואָס זענען „פון הימל אַראָפּגעפאַלן", ווי וועגן „פרעמדע געשטאַלטן"...

סעגאַלאָוויטש האָט מיט זײַנע סענטימענטאַל־פּײַנפולע ראָמאַנען געוווּנען דאָס נאַיִווע האַרץ פון ווייניק־אַנטוויקלטן און ווייניק־פאָדערנדיקן פאָלקס־לייענער, און עס זענען געווען ביכער זײַנע וואָס זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין 25000 עקזעמפּלאַרן, אָבער די באַוווּסטזיניקע יוגנט און די ליטעראַטור־קריטיק האָבן זיך ווײַט נישט געגרויסט מיט אים. אין די העכערע קולטור־ספערעס, אפילו אין די בירגערלעכע, און אין די יִדישע שולן האָט מען זײַנע ווערק כמעט ווי איגנאָרירט.

י. פּערלע, אַ קרעפטיקער פּלאַסטישער שילדערער, האָט אַרויסגעבראַכט צום ערשטן מאָל אויף אַ קינסטלערישן און אויך אומקינסטלערישן אופן דאָס עראָטישע און דראַסטיש־סעקסועלע אין דער אינטים־בירגערלעכער משפחה־סביבה, און אויך די סטיכישע סעקסועלקייט פון דער חיה („מירל", „זינד", „יִדן פון אַ גאַנץ יאָר").

בולטע שונד־כוונות האָט ער געהאַט בלויז אין זײַנע צײַטונג־ראָמאַנען, וואָס ער האָט געדרוקט אונטערן אַנאָנימען צייכן פון דרײַ שטערנדלעך. די דאָזיקע שונדראָמאַנען האָבן אים פאַרשאַפט אַ סך אומכבוד און עפנטלעכע באַליידיקונגען.

דעם דאָזיקן פּרנסה־שונד, פון וועלכן ער האָט זיך סוף־כל־סוף אָפּגעטרייסלט, האָט ער קאָמפּענסירט מיט אַזוינע עכטע בעלעטריסטישע קונסטווערק ווי „יִדן פון אַ גאַנץ יאָר" און די „גאָלדענע פּאַווע", וווּ עס גייט דורך אַ שטיק פון זײַן אייגענעם לעבן אין פּוילישן שטעטל.

ס'איז דאָס שטעטל פון אָנהייב יאָרהונדערט, וואָס ווערט צעוואַקלט צוליב דער עקספּאַנסיע פון יונגן קאַפּיטאַליזם און וואָס נעמט פאַרלירן ביסלעכווײַז איר דורותדיק־אַלטע עקאָנאָמישע באַזע. ס'איז דאָס שטעטל פון לעצטע טראַגיש־פּאַטריאַרכאַלע פיגורן און פון אַ יוגנט וואָס מוז זוכן אַ גרויסשטאָטישן פּראָלעטאַרישן תכלית.

פּערלע ברענגט נישט אַרויס קיין שאַרפע קלאַסן־אונטערשידן. זײַן רעאַליזם איז נישט קיין רעאַליזם פון קאָנפליקטן, נאָר מערסטן טייל פון דעטאַלירטער שטייגער־שילדערונג, וואָס איז ווײַט פון אַשם איינזײַטיקער אידעאַליזאַציע, אָבער וואָס פאַרמאָגט אַ סך אויפגעלייגטקייט און פאָלקסטימלעכע ליריק. אפילו זײַנע שטאָטישע רעוואָלוציאָנערן פון אַרום 1905 זענען געצייכנט מיט צו פיל מילדקייט און געמיטלעכקייט, און נישט מיט זייער כאַראַקטעריסטישער אַנטשיידנקייט.

פּערלע האָט געהאַט אַ שאַרף קינסטלעריש אויג פאַרן לעבנס־דעטאַל, איז אַרײַנגעדרונגען אין די עראָטישע קאָמפּליצירטקייטן און פאַרהוילענישן פון מענטשלעכן און חיהשן וועזן, און האָט אַרויסגעבראַכט שטיקער יִדיש לעבן מיט אַ סך פאָלקסטימלעכקייט און ליבע, אָבער קיין ערשטראַנגיקן ליטעראַרישן אָרט אין יִדישן פּוילן האָט ער נישט באַוויזן צו פאַרנעמען. זײַן אונטערשונדרעווען, זײַן נישט־אָפּשטעלן זיך אויף עיקרדיקע לעבנס־פּראָבלעמען און דאָס אויספעלן פון עפּעס אַבסאָלוט אָריגינעלס אין זײַן געזעלשאַפטלעכער טעמאַטיק און אין זײַנע סטיליסטיש־שפּראַכלעכע אויסדרוק־מעגלעכקייטן, האָבן אים נישט אַרויסגעשטויסן פאָרויס, כאָטש אין זײַנע לעצטע ווערק האָט ער מיט איין מאָל אַ שנעלן וואַקס געטאָן.

אַן איבערראַשונג און ממש אַ ליטעראַרישע סענסאַציע האָט אין די גאָר פריִע צוואַנציקער יאָרן אַרויסגערופן **ע. וואַרשאַווסקיס** „שמוגלאַרס".

אַרויסגעבראַכט האָט וואַרשאַווסקי דווקא דעם אַלט־באַקאַנטן סצענאַר פון אַלע יִדישע קלאַסישע, ראָמאַנטישע און רעאַליסטישע שילדערונגען — דאָס פּיצל יִדישע שטעטל, אָבער געוויזן האָט ער עס אַן אָפּגעשונדנס און אַ צעטרייבערטס, אַן אײַנגעזונקנס אין דער טיף פון אַ מאָראַלישער קאַטאַסטראָפע. ס'איז אַ שטעטעלע וואָס פאַרלירט דעם יִדישן חן און וואָס בײַט אויס די טראַדיציאָנעלע מעלות־טובות אויף זינד און אויף אָפּנאַרערײַ; ס'איז אַ גרענעץ־שטעטל, אין וועלכן עס האָבן אַרײַנגעקראַכט די מלחמה־יאָרן און „איבערגעבויט" די גאַנצע דאָרטיקע עקאָנאָמיע אויף דער באַזע פון שמוגל און במילא: טרפהנער בראָנפן־טרײַבערײַ, שכרות, זנות און הפקרות.

נישט קיין איינצלנע יחידים, נאָר דאָס גאַנצע שטעטל, מיט אַלע גוטע און שיינע יִדן, האָט זיך געגעבן אַ ברעך איבער. הפקר־אינסטינקטן, וואָס יאָרהונדערטער ציוויליזאַציע האָבן טיף באַגראָבן, האָבן שנעל דורכגעבראָכן די „אוראַלטע יִדישע מאָראַל" און צונויפגעקנוילט אַלעמען אין איין באַנדע גרענעץ־שוואַרצער, בעל־עבירהניקעס און נאָכלויפערס נאָכן טרייפענעם שמוגל־געראַש. און ווײַל איין עבירה שלעפּט די צווייטע, גייט מען אויף אַלץ גרעסערע און גרעסערע הנהות, און דער צניעהתדיק־יִדישער „ס'פּאַסט

נישט" ווערט ערגעץ פאַרפאַלן אין אַלע העלן. נישט נאָר די פאַנטאַלם טוען זיך אויס פון יעדן מאָראַלישן צוים, נאָר אפילו אַזאַ מין שוינער ייִד ווי רב ייִדל, וואָס האַלט זיך נישט אָפּ צו שיקן די אייגענע טאָכטער צום וואַכמײַסטער... און אויב דער אַלטער דיין גייט נישט שמוגלען, איז עס בלויז דערפאַר וואָס די פיס דינען אים שוין נישט.

אין מיטן פון דער דאָזיקער מאָראַלישער אינפלאַציע, אין מיטן פון דאָזיקן חושך, גיט אַ שײַן בלויז איין־אייניציקער בלאַסער ליכטאַפּגלאַנץ: די ליבע צווישן קראַנק־געוואָרענעם שמוגלער מענדל און דער פּראָסטיטוטקע נאַטשע. 2 ברוכשטיקער דערגאַנצן זיך און הייבן זיך אויף צוזאַמען איבערן געמויזעכץ; דער דאָזיקער אייניציקער אויסנאַם גיט בלויז אַ פינטל אין דער טיפנאַכטיקער אַטמאָספער פון יענעם שטעטל, וואָס פירט ווײַטער זײַן דעגראַדירט לעבן און וואָס וויל אַז דער צושטאַנד פון הפקרות זאָל פאַראייביקט ווערן...

אין וואַרשאַווסקים אויפרודערנדיקע און ברוטאַלע שילדערונגען איז נישטאָ קיין בכיוונדיקער נאַטוראַליזם, נאָר דער נאַטירלעכער נאַטוראַליזם פון יענע עקסטרעמע סיטואַציעס וואָס די דײַטשע אָקופּאַציע־יאָרן האָבן געשאַפן.

די דאָזיקע דרייסט־רעאַליסטישע שילדערונג פון שטעטל־לעבן איז אַ באַווײַז ווי ווײַט די מאָראַל איז אָפּהענגיק פון די מאַטעריעלע אומשטאַנדן, ווי ווײַט די מאָראַל איז אַ רעזולטאַט פון לעבנס־באַדינגונגען און נישט פון „אייביקע קאַטעגאָריעס". אפילו אַזאַ מיט פעלדזנפעסטע זאַך ווי די „ייִדישע מאָראַל" צעפאַלט זיך אויף שטויב, ווען דרויסנדיקע אומשטאַנדן פירן צו אַן אַנדער „מאָראַל". אמת, די דאָזיקע אומשטאַנדן זענען געווען צײַטווײַליקע; מען האָט געקענט אויסמײַדן זייערע רעזולטאַטן און בשום אופן נישט אײַנגיין אויף מאָראַלישע הנחות, אָבער אַזוינס איז מעגלעך בלויז אין געזעלשאַפטן וואָס באַזיצן אַ העכערן סאָציאַלן אידעאַליזם.

בײַ די פאַרזינדיקטע שטעטללײַט האָט טיף אין האַרצן גענוזט טליִען דער שולד־באַוווּסטזײַן, דער באַוווּסטזײַן אַז מען האָט געקאָנט זײַן שטאַרק און נישט אַראָפּזינקען מאָראַליש צוליב דער צײַטווײַליקער טרייפענער קאָניונקטור; און אָט דערפאַר טאַקע האָבן זיי אַלע געטרוימט, אַז דער שמוגל־פעריאָד זאָל פאַרלירן זײַן צײַטווײַליקן כאַראַקטער און פאַרוואַנדלען זיך אין אַ לעבנס־לענגלעכן צושטאַנד, כדי צו באַפרײַען זיך פונעם שולד־באַוווּסטזײַן און כדי צו קענען זאָגן צום אייגענעם געוויסן, אַז בײַשטיין אַ צײַטווײַליקן נסיון קען מען טאַקע, אָבער אַ לאַנגדויערנדיקע סיטואַציע — בשום אופן נישט... אַזוי אַרום וואָלטן זיי געהאַט אַ הכשר אויף זייער לײַכטן און אויסגעשפּאַנטן לעבן...

אין דער פּאָעזיע, מעמואַריסטיק און זשורנאַליסטיק האָט אָנגעהויבן ווירקן א. זאַק מיטליריש־סענטימענטאַלן דרויב, טאָגגראַמען און מלחמה־זכרונות. ער איז געווען אַן עפּיגאָן פון לייב נײַדוסן, אָבער האָט נישט דערגרייכט נײַדוסעס פּאָעטישן פלי, געהאַמערטע פערזן־עלעגאַנץ און פּלאַסטישע בילדערישקייט. עס האָט אים געפעלט קינסטלערישער כוח אויף אָנצושלאָגן אַן אייגענעם טאָן און ער האָט, אויסער דעם, נישט דערפילט די נײַע צײַט און אוודאי נישט געקענט אויסדריקן זי.

ווי אַ דיסאָנאַנס צו דער יונג־היסטאָרישער און נײַ־אויפגעצאַפּלטער צײַט איז אין יענע יאָרן דערשינען דער ראַפינירטער אהרן צייטלין מיט זײַן פּאָעמע „מטטרון", וואָס איז אַ געקנויל פון קבלה־מיסטיק, צוגעפּראַוועט אויסערלעך לויט די כללים פון מאָדערנער דיכטונג; און אָט דורך דעם דאָזיקן מעטאַפיזישן קנויל האָט ער געוואָלט באַשיידן דעם גאַנצן גאַנג פון דער געשיכטע, ביז צו די איצטיקע טעג. עס האָט געוואָלט הייסן, אַז נישט אין הסכם מיט היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישע, סאָציאַל־עוואָלוטיווע און דיאַלעקטישע פּרינציפּן אַנטוויקלט זיך די מענטשהייט, נאָר לויט אַ דיקטאַט פון אַ פעסטן און טיפזיניקן געטלעכן ווילן...

די נײַע תקופה און די מאָדערנע קינסטלערישע אויסדרוקמיטלען האָבן אָבער לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן אויף זיך אין דער ייִדישער ליטעראַטור. די שטורעם־זשורנאַלן „כאַליאַסטרע" און „אַלבאַטראָס", וווּ פּרץ מאַרקיש און א. צ. גרינבערג האָבן געבליצט, געדונערט און געהאָגלט, און די „ליטעראַרישע בלעטער", וואָס האָבן אויף אַ לעבעדיק־מאָדערנעם און פּאַנאָראַמישן אופן געפּרווּווט אַרומנעמען די גאַנצע ליטעראַטור, האָבן צונויפגעפּאָרט דאָס נײַע ייִדישע וואָרט מיט דער נײַער צײַט, און געשאַפן בײַ דער ליטעראַרישער יוגנט דעם באַוווּסטזײַן, אַז די ייִדישע ליטעראַטור האָט נישט פאַרשפּעטיקט...

פון דער יונג־סאָוועטישער און מיט ייִדיש־בלוט־אָנגעזאַפּטער אוקראַיִנע איז אַראָפּגעקומען פּרץ מאַרקיש, מיט וויכער און שאַרפאַר שיינקייט אין וואָרט.

זײַן גרויספּאָעטישע בונטאַרישקייט און צעווינטיקטקייט האָבן זיך געוואָרפן ווי די נאַטורקראַפט פון טומלדיקן דניעפּער, פון פאַראָקטאָבערדיקן דניעפּער וואָס האָט צעשפּריצט זײַן כוח אויף פעלדזן און אויף טײַכשוועלן. די נײַ־סאָוועטישע צײַט האָט נאָך נישט באַוויזן פּראָדוקטיוו צו מאַכן זײַן שטורעמווינטיקייט. ער איז געקומען מיט לידער־זאַמלונגען, וואָס די טיטלען זייערע זענען געווען „סתם" און „פּוסט און פּאַס", און ער האָט זיך נאָך דאַן געפונען „אין מיטן וועג", ווי אַ דריטע לידער־זאַמלונג זײַנע האָט געהייסן.

אָנשטאָט בעריאָזקעלעך, ווערבעס און קוסטן, האָבן אין זײַנע לידער גערוישט וועלדער גאַנצע. אין זײַן פּאָעטיק האָבן זיך קאָמבינירט: זײַן יוגנטלעכער וואָרטאימפּעט, די רעוואָלוציאָנערע פּאַרמען פון נײַעם רוסישן פערז, זײַן שפּראַך־דערפינדערישקייט, זײַן אימאַזשיניסטישע בילדער־עשירות, זײַן לעבנספרייד, זײַן אָריגינעלע גראַמען־טעכניק און זײַן ווײַטזעעוודיקער אַרויסקוק אויף וועלט, נאַטור און מענטש. גאָר שנעל איז ער געוואָרן דער אידעאַלער פּראָטאָטיפּ פון אַן ערשטראַנגיקן ייִדישן פּאָעט.

אין וואַרשע האָט ער זיך, צו ערשט, פאָרגעשטעלט מיט זײַן פּאָגראָם־פּאָעמע „די קופּע", וווּ ער קאַטעוועט מיט זײַן נעאָנביאישן צאָרן די שולדיקע אין די ווײַסגוואַרדייִשע בלוט־פאַרגיסונגען אויפן שטח פון דער פּרערעוואָלוציאָנערער אוקראַיִנע, און וווּ ער וואַרפט זיך דרייסט און לעסטעריש קעגן אַלע הייליקייטן, אין אָנבליק פון אָנגערונענעם קדושים־בלוט און פון דער קופּע ייִדישע מתים. מען קען זאָגן, אַז אין דער דאָזיקער שטורעמדיק־מאַרקישישער פּראָטעסט־עלעגיע איז אָנשטאָט דעם אַלט־ייִדישן „ברוך דיין אמת", פאַראַן אַ מין „ארור דיין שקר"...

נישט ווייניקער מיטרײַסנדיק ווי זײַנע לידער איז געווען זײַן עסייִסטישע קונסטפּראָזע, וואָס האָט באַהאַנדלט פּראָבלעמען און מענטשן מיט שאַרפער דרייסטקייט און מיט אַ שפּראַך, וווּ יעדעס וואָרט האָט געטאַנצט באַלעט...

דאָס פּראָפאַשיסטישע פּוילן און די קולטור־געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטעניש אין ייִדישן וואַרשע האָבן אים באַוווּגן אומצוקערן זיך אין זײַן היימלאַנד, ערב דעם ערשטן פינפיאָר־פּלאַן. זײַן עלעק־

טרע־טראַגנדיקע דיכטונג האָט דאָרט געהאָלפן בויען דאָס לאַנד און דערמוטיקן דעם איבערגעבוירענעם מענטשן מיט אזוינע קונסט־ווערק ווי „ניט געדײַנגעט", „אנשל זאַליאַזניק", „ברידער", „דאָר אוים, דאָר איַין", „אַ טויט די קאַניבאַלן" און „מילכאָמע".

פון **אורי צבי גרינבערגן** האָט ארויסגעהילכט דער פוסטער געשריי פון ליטעראַרישן מאָדערניזם, פון יענעם פאָרמאַליסטישן מאָדערניזם, וואָס האָט זיך אין דער נאָכמלחמהדיקער מערב־אייראָפּע אוועקגעלאָזט אויף אומוועגן פון אנטיגעזעלשאַפטלעכער אַקראָבאַטיק, פון פוטוריזם, דאַדאַיִזם און עגאָצענטרישן עקספּרעסיאָניזם.

אין זײַנע „אַלבאַטראָס"־מאַניפעסטן האָט ער געוואָרפן די לאָזונג פון „אינטראָספּעקטיוויסטישער השגה און פאַרטיפונג פאַרן פרײַען, נאַקעטן מענטשן־אויסדרוק", דאָס הייסט פון רוי־אויסגעדריקטן אינזיכיזם, און געפּריידיקט האָט ער אַז ארויסברענגען דאַרף מען „דאָס גרויזאַמע אינעם ליד, דאָס כאָאָטישע אינעם בילד, דעם אויסגעשריי פונעם בלוט".

גרינבערג, וואָס האָט רעוואָלטירט קעגן זײַנע יוגנטלעכע רעליגיעזע שטימונגען, האָט אין זײַן בוך „מעפיסטאָ" אויסגעשריִען זײַן פאַרצווייפלונג און אַנטוישונג אין אַלץ און אַלעמען, ווײַל

„געטער שטאַרבן, פעלקער גייען אויס,
סיפאַלן אָפּ אין תהום די גרעסטע בערג,
פרוכפּערדיקע גערטנער ווערן סטעפּעס,
אָבער מעפיסטאָפעל לעבט און לאַכט פון אַלע דאָזײַנס".

גרינבערגס אַלמעכטיקער מעפיסטאָ־טײַוול, וואָס לאַכט זיך אפילו אויס פון גאָט, אין קעגנזאַץ צו געטעם מעפיסטאָ, נאַרט אוים בײַם דיכטער זײַן יוגנט און זײַנע צאַרטסטע טרוימען, און האַלט אים אין איין רייצן מיט נישט־דערגרייכלעכער פרויען־ליבע, מיט עראָטישן גלוט. דער דיכטער לעשט זײַן צעשרפט געמיט אין שאַמפּאַניער און איז איבערצײַגט אַז ער מוז בלײַבן ליגן אַ צעטראָטענער כל־זמן מעפיסטאָ וועט נישט רעזיגנירן, און מעפיסטאָ, דער האַר פון אַלע וועלטן, וועט דאָך קיין מאָל נישט רעזיגנירן...

גרינבערגס שרײַענדיקע פוסטקייט האָט אים געמוזט דערפירן צו דער דאָזיקער דעמאָנישער רעזיגנאַציע, און שפּעטער איז ער אוועק נאָך ווײַטער: ער האָט אוועקגעוואָרפן „די שפּראַך פון די נאַלעוועס" און האָט זיך אין זײַן העברעיִשער פּאָעזיע אין ארץ ישראל, גענומען אָפּגעבן מיט אַנטיסאָציאַליסטישן, רעוויזיאָניסטישן כוליגאַניזם, מיט ראַסיזם, מיט שונד און מיט אָפענער מלחמה־העצע. אין די פריִע גאַליציאַנישע יוגנטיאָרן זײַנע האָט ער שוין געהאָט געשריבן אַז די טויטגעפאַר אין דער מלחמה פאַרשאַפט אַ ספּעציעלן סאָרט גענוס, אַ מין אײדעלע גליקשפּירונג...

עס ווײַזט זיך, בכן, ארויס אַז גרינבערג איז טאַקע געווען גערעכט אין זײַן „מעפיסטאָ": דער טײַוול איז זײַן געטרײַער לעבנסבאַגלײטער...

נאָך דעם ווי דער זשורנאַל „ביכער־וועלט" האָט אויף אַן ערנסט־אַקאַדעמישן אופן אָנגעהויבן צו ווערן דער קריטיש־ביבליאָגראַפישער וואָרטזאָגער און וואָרט־אַרויסטראָגער פון דער מאָדערנער יִידישער ליטעראַטור, האָט אַ יום־טובדיקע ראָלע אין דער פּרעזענטירונג פון נײַעם יִדישן וואָרט גענומען שפּילן די וואָכנשריפט „ליטעראַרישע בלעטער", וואָס איר 15־יאָריק לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן דורך דער היטלעריסטישער מגפה.

דער דאָזיקער זשורנאַל איז אויסגעטראָגן געוואָרן דורכן קלעצקין־פאַרלאַג און האָט באַקומען זײַן יוגנטלעך־פרישן הדרת־פּנים אַ דאַנק דער שעפערישער שותפות פון נ. מײַזיל, מ. ראַוויטש, פּ. מאַרקיש, י. י. זינגער, א. קאַציזנע און אַנדערע נעַנטערע און ווײַטערע שרײַבער.



די „ליטעראַרישע בלעטער" זענען געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, דער ווײַסער יום־טובדיקער טישטעך פון דער יִדישער ליטעראַטור אין פּוילן, אַ טישטעך אויף וועלכן עס איז געגרייט געוואָרן מיט געשמאַק דאָס היימישע און אויסערהיימישע האָב־און־גוטס.

מיטן לויף פון די יאָרן, און אין דער מאָס ווי געוויסע רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער האָבן זיך דערווײַטערט, האָט דער דאָזיקער ליטעראַרישער טישטעך אָנגעהויבן צו פאַרלירן די אָריגינעלע ווײַסע יום־טובדיקייט פון די ערשטע יאָרן, געוואָרן אָפּגעקילטער, וואָכעדיקער, בעל־הבתישער, כאָטש די יונגע רעוואָלוציאָנערע דיכטונג פון די דרײַסיקער יאָרן האָט דאָך פון צײַט צו צײַט געהאַט אַ צוטריט צום פּיאָנערישן, טראַדיציאָנעל־געוואָרענעם אָרגאַן.

נישט אויפגעהערט צו שטיין בראש פון די „ליטעראַרישע בלעטער" במשך פון די 15 יאָר האָט **נחמן מײַזיל**, — אַן אײַנגעליבטער און אײַנגעגלייבטער אין דער יִדישער ליטעראַטור, אַ פלײַסיקער פאָרשער־קאָמפּילאַטאָר, אַרבעטזאַמער זאַמלער, אויסגעפינער פון שײַכותן צווישן פאַרשידענע שרײַבער און ענערגישער אויספירער פון קאָלעקטיווע ליטעראַרישע און פאַרלעגערישע פּלענער, ווי ער האָט עס געוויזן גלײַך פון אָנהייב, בײַם איבערפלאַנצן די אידעען און מעטאָדן פון דער קיִעווער „קולטור־ליגע" אין דער דאַן נאָך פוסטער וואַרשע.

ווין האָט בײַגעשטײַערט פאַר דער יִדישער ליטעראַטור אין פּוילן מיט **מלך ראַוויטשן**. ער האָט געהאַט די סאָלידסטע דיכטערישע קולטור און זײַנע פּאָעטישע פאַראינטערעסירונגען האָבן זיך אויסגעשפּרייט צווישן די ברייטסטע גרענעצן: פון פּרעהיסטאָרישע לאַנדשאַפטן ביז צום אויסערערדישן קאָסמאָס, ביז צום שטערנוועג פון וועלטאַל.

זײַן דיכטערישע געפילן־וועלט איז געווען נאָך אַנאַנד קאָנעקטירט מיט פאָרשערישן געדאַנקן־גאַנג. אַן אינספּירירטער אין שפּינאָזאַס פילאָסאָפישע געבויען, איז ער שטענדיק געווען אַרײַנגעטאָן אין מעדיטאַציעס וועגן גורל פון מענטש און חיה, פון יִדישקייט און וועלטישקייט. דערפאַר איז זײַן פּאָעזיע, קען מען זאָגן, געווען אַן אינטעלעקטועל־אָנגעלאָדענע; געווען אין איר נישט נאָר דיכטונג פון געפיל נאָר אויך דיכטונג פון געדאַנק.

זײַן פּאָעזיע צייכנט זיך אוים מיט אויפריכטיקייט וואָס דערגייט אָפט מאָל צו נאַקעטקייט (זע „נאַקעטע לידער"), אָבער גלײַך פון אָנהייב קען מען באַמערקן אין איר אַ מאָדנעם דואַליזם: דער דיכטער איז לויט ראַוויטשן דאָס געוויסן פון דער וועלט און די פרייד אירע, ער איז דער וועלט־שופט וואָס פאַראורטיילט נישט, אָבער זײַן אמת קען פאַרניכטן די מעכטיקסטע און פאַרברענען אויף אַש אוראַלטע וועלדער. דאָס איז אין פּרינציפּ, אַזוי צו זאָגן, אָבער אין דער פּראַקטיק איז דער זעלבער דיכטער אַ פּיצל האַלב־צעטראָטן ווערעמל, וואָס ציטערט אַ פּויזע צו טאָן, און דאָס איינציקע מיטל וואָס דערהאַלט אים בײַם לעבן איז טרוימען... דער דאָזיקער דואַליזם, די דאָזיקע טעאָריע פון מאַכטלאָזער אַלמעכטיקייט, שלענגלט זיך דורך אויך אין זײַנע שפּעטערדיקע ווערק און האָט אים זיכער געפירט צו דער טעאָריע פון פּאַטום און פון פּאַטום־יִדישקייט...

זײַנע פּערזן זענען פול מיט טיפסטן מיטגעפיל און מיט פּאַסיוון פּראָטעסט (פון דאַנען מן־הסתם זײַן וועגעטאַריאַניזם) אָבער קיין

מאָל נישט מיט אַקטיוון קעגנשטעלן זיך דעם שלעכטס. כאָטש דער דיכטער פילט אַז ער קען אונטערצינדן מיט זײַן וואָרט די שוואַרצע וועלדער, צינדט ער זיי פון דעסט וועגן נישט אונטער...

ראַוויטשעס אָריגינעל וואָרט ווערט אימפּעטפולער און קאַטעגאָרישער אין זײַן ליטעראַטור־קריטיק און געזעלשאַפטלעך־פּאָלעמישער פּראָזע. צוזאַמען מיט מאַרקישעס צעגלעקלטע און באַפרענדזלטע עסייען, האָבן ראַוויטשעס אַנאַליטיש־שאַרפע און שפּראַכלעך־עלעגאַנטע אַרטיקלען געהערט צום אָנגענעמסטן לייענשטאָף אין די פּרילינגיאָרן פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין פּוילן.

י. י. זינגער, דער קרעפטיקסטער און ניכטערסטער פּראָזאַיִקער פון דער נײַ־אויפקומענדיקער ליטעראַטור, האָט געפּרוּווט תּחילת, גראָד אויף אַ פּאָעטיש־פּאַטעטישן אופן, אויפכאַפּן די נײַ־רעוואָלוציאָנערע צײַט אין זײַן דראַמע „ערדוויי", ווען ער האָט זיך נאָך געפונען אין אוקראַיִנישן שחיטה־לאַנד.

זיין פּרוּוו צוזאַמענצורעדן זיך מיט דער נײַער צײַט און צו זײַן איר אָנזאָגער האָט זיך אים אָבער נישט אײַנגעגעבן, ווײַל ער איז, איז גרונט גענומען, געשטאַנען אויסער איר און זײַן טעמפּעראַמענט איז ווײַט נישט געווען קיין דיכטעריש־נביאישער.

זינגער האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי דער פײַנסטער שניצמײַסטער פון דער וואָכעדיקער לעבנס־נאָוועלע. אינעם געבוי פון זײַנע טיפּן האָט ער אַרײַנגעלייגט אַן אַ שיער דיניטשקע פיליגראַן־אַרבעט און אָבסערוואַציע־חריפות, ווי למשל אין דער בלוטזויגערישער, קאַרגערגעלט־שפּין מאָריץ שפּילרײַן („פּערל") אָדער אפילו אינעם הונט מיטן אָפּגעהאַקטן עק („ליוק").

זײַן ערשטער ראָמאַן „שטאָל און אײַזן" איז אַרויסגעקומען צונויפגעסטריגעוועט. זינגערס נאָוועלן־קונסט האָט זיך דאָ צעגאָסן און פאַרוואַסערט צווישן די צענדליקער עפּיזאָדן פון דער מלחמה־צײַט. די קריטיק האָט אָפן אַרויסגעבראַכט די ראָזיקע ווירקלעכע שוואַכקייטן, און זינגער, וואָס איז שוין דאַן געווען אַ מיטאַרבעטער אין „פֿאָרווערטס" און געהאַלטן אין טאָן שוואַרצע ליטעראַרישע אַרבעט אין אַב. קאַהאַנס רעדאַקציע־קיך, האָט רעאַגירט אויף אַן אַרויסרופנדיק־תקיפותדיקן אופן. ער האָט געמאָלדן אַז „פון הײַנט אָן און ווײַטער האָב איך מער קיין שײַכות נישט מיט דער ייִדישער ליטעראַטור" און אַז „שרײַבן ייִדיש איז אַ מלאכה בזויה", (אַן אומווערדיקע אַרבעט). ער האָט זיך געגעט מיט דער ייִדישער ליטעראַטור און פאַרקנסט זיך צום „פֿאָרווערטס", און געוואָרן אַלץ מער און מער אַ „פּאָלנער" „פֿאָרווערטס"־מענטש...

זײַן ליטעראַריש געוויסן האָט אים אָבער קענטיק נישט געלאָזט צו רו און ער האָט, פאַרן אַריבערפאָרן דעפיניטיוו אין „פֿאָרווערטס"־לאַנד, אָנגעשריבן דעם ראָמאַן „יאָשע קאַלב", אין וועלכן ס'ווערט דורכגעפירט אַ פאַרניכטנדיקער קווערשניט איבערן רעגענערירטן חסידיזם. מען דאַרף אָבער באַמערקן, אַז זינגער האָט דאָרט אונטערגעשווינדלט מיט עראָטישן און סענטימענטאַלן שונד, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ ראָמאַן וואָס דאַרף זיך המשכן אין „פֿאָרווערטס"...

מען דאַרף אויך באַמערקן, אַז אומאָפּהענגיק פון די צוויי היסטאָרישע ראָמאַנען וואָס זינגער האָט אָנגעשריבן אין אַמעריקע, איז ער אַלץ מער און מער געזונקען אידעיִש. אין זײַן „חבר נחמן" ווערן אויסגעלאַכט און אָראָפּגעריסן אַלע פּאַרטייִיש־אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע אידעאַלן, און אין איינער פון זײַנע לעצטע נאָוועלן „בײַם שוואַרצן ים" האָט ער „סימבאָליש" אָפּגעחוזקט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אָט ווי אַזוי: „אין דרויסן האָט אַ האָן געמאַכט אַ טעות אין דער ליכטיקער נאַכט, וואָס ער האָט אָנגענומען פאַר טאָג, און זיך צעקרייעט, צעקרייעט זיך הויך, פול מיט הענערשער האָפערדיקייט און בשורה"...

ווי ס'איז צו זען, איז דער זינגער פון „ערדוויי" טיף פאַרזונקען געוואָרן אין די טיפענישן פון דער „פֿאָרווערטס"־ערד...



אַלטער קאַציזנע

אין דער יונג־ליטעראַרישער וואַרשע האָט געווירקט אויף אַ ביז גאָר פײַנעם אופן אַלטער קאַציזנע, וואָס האָט געצויגן זײַן ליטעראַרישן ייִחוס פון צעגלאַנע 1, ווו ער איז געווען אײַנער פון די אינטימסטע פּרץ־מקורבים.

ער האָט אָנגעהויבן מיט לאַנגע פאַרפּלאָנטערטע פּאָעמעס און פּאָעטיש־דראַמאַטישע עטיודן, וואָס האָבן זיך פאַרהעלטענישמעסיק אויסגעצײַטיקט אין ווערק „דער גײַסט דער מלך", אָבער וואָס זענען נאָך פאָרט נישט געווען אין גאַנצן רײַף און קלאָר. עס האָבן אים געפּײַניקט פּראָמעטעוס־מאָטיוון, און פאַרשידענע זעונגען האָבן זיך געשפּאַרט איינע אויף די אַנדערע אין זײַנע פּאָעמאַטישע פערזן.

שפּעטער, נאָך זײַנע צוטריטלעכערע „אַראַבעסקן", האָט ער אָנגעשריבן עטלעכע דראַמעס, צווישן זיי דעם סצעניש־דערפאָלגרײַכן און ליטעראַריש־מיטלמעסיקן „דוכוס", די קינסטלעריש־דערהויבענע טראַגעדיע „הורדוס" און צווישן אַנדערע סצענישע ווערק, האָט ער אויך דראַמאַטיזירט פאַר גראַנאַכן שלום שוואַרצבאַרדס גבורה־אַטנטאַט אויפן פּאָגראָם־הונט פּעטלורע. אין זײַן ליטעראַרישן אַקטיוו דאַרף מען אויך אַרײַנרעכענען זײַן גרויסשטאָטישן וואַרשעראָמאַן „שטאַרקע און שוואַכע".

צוזאַמען מיטן פּוילישן פאַשיזם, ווען אַ סך ייִדישע שרײַבער האָבן זיך אײַנגעדרייט אין דרײַען און אויסגעבעט זיך באַקוועם אויף דער טעאָריע פון „נישט מישן זיך", איז גראָד מיטגעוואַקסן קאַציזנעס סאָציאַלער באַוווּסטזײַן און ציווילער מוט. ער האָט אָנגעפירט מיטן טעגלעכן פּראָגרעסיוו־רעוואָלוציאָנערן אָרגאַן „דער פרײַנד", כאָטש די מוסרישע רעאַקציע האָט געטײַטלט אויף אים מיט די פינגער. אין זײַן צײַטונג־קאָלום „מײַן רעדנדיקער פילם" האָט ער דרייסט און פקחותדיק געהאַלטן אין איין טאַשן פּאָליטישע לעבנס־פּראָבלעמען און נישט אויפגעהערט צו מישן און אַרײַנמישן זיך. שפּעטער האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „מײַן פילם", ווו

ער האָט איינער אַליין געקעמפט, דורך אַלע ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע זשאַנערס, קעגן אַרויפּפּויזנדיקן און שליימיקן פּאַשיזם.

דער אַלטער פּרציסט האָט זיך אויפן ווונק צונויפגערעדט מיט דער נײַער צײַט...

מיט 4 סאָציאַלע ראָמאַנען האָט באַפעסטיקט זײַן אָרט אין דער ליטעראַטור **ש. האָראָנטשיק**.

ער כאַפּט אַרום אַ שילדערונג־פּעריאָד פון אַ וואָסערע 30 יאָר, צעטיילטע אין 4 עטאַפּן: דער עקאָנאָמישער צעפאַלונג־פּראָצעס פון יִדישן שטעטל און די „פּראָלעטאַריזאַציע" פון דער דעקלאַסירטער שיכט („אין רויש פון מאַשינען"), דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער אויפגעברויז („1905"), דאָס צאַנקנדיקע און דעמאָראַליזירטע שטעטל פון די אָקופּאַציע־צײַטן („פאַרפלאָנטערטע וועגן") און דאָס אויפגעקומענע שמוגל־גבירנטום אין נאָכמלחמהדיקן שטעטל („זומפּ").

אין זײַנע ווערק זענען אָנגעזאַמלט אַן אַ שיעור לעבנספאַקטן, וואָס זענען פּרטימדיק און אָפט מאָל נאַטוראַליסטיש אויסגעוויקלט. פאַראַן אָבער בײַ אים אַ צו מעכאַנישע פונאַנדערטיילונג פון זײַנע העלדן אויף גוטע און שלעכטע. פון ערשטן בלעטל אָן זענען די נעגאַטיווע פּערסאָנאַזשן פאַרמשפּט און געשטעמפּלט. זיי זענען טאַקע ס'רוב עקלדיקע טיפּן; אָבער זייער נעגאַטיווקייט וואַקסט נישט אָן מיט קינסטלערישער און פּסיכאָלאָגישער בהדרגהדיקייט.

יעדן פאַלס האָט האָראָנטשיק געוויזן אַן אָפן בילד פון קלאַסנשטרײַט אין שטאָט און שטעטל. זײַנע ווערק זענען באַפעלקערט מיט אַ גאַנצן המון אַקטיוו־באַוועגלעכע מענטשן און כאַראַקטערן, וואָס ווי סקיצנמעסיק זיי זענען נישט אַרויסגעבראַכט, גיבן זיי דאָך אַ גענויע פאַרשטעלונג פון דער יִדישער שטעטלדיקער געזעלשאַפט און פון אירע סאָציאַלע פּראָצעסן אין ערשטן פערטל יאָרהונדערט.

האָראָנטשיקן האָט געפעלט שרײַבערישע קולטור, שפּראַכלעךסטיליסטישע דיסציפּלינירטקייט און אַ קינסטלערישער חוש פאַר סעלעקציע. זײַן פעדער האָט נישט געזשאַלעוועט און געשאָטן. דערפאַר אַזוי פיל קלײַען און אָפּפאַל אין זײַנע ווערק, אַזוי פיל צעצויגנקייט און אָנגעפלאָנטערטקייט. געקומען איז עס טיילווײַז פון גרויס שפע, פון וועלן וואָס שנעלער אַרויסשעפּן פון זיך די אָנפלייצנדיקע פאַקטן, בילדער און פיגורן, און אויך די אָנגעזאַמלטע פאַרביטערונג.

דאָס נײַערע פּוילישע שטעטל פון די דרײַסיקער יאָרן און פון דער שפּעטערדיקער ערב־חורבן־צײַט האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער ליטעראַטור **מ. בורשטין** דורך זײַנע ראָמאַנען „איבער די חורבות פון פּלוינע" און בײַ די טײַכן פון מאַזאָוויע".

ס'איז דער חורבן פון קליינבירגערטום, פון דער אויסגעוואַקסענער יוגנט, פון דער פּרוכטלאָזער אינטעליגענץ, וואָס דער קריזיס, דער פּאַשיזם און דער באָיקאָט האָבן זיך שוין דערקליבן אויך צו זיי און טרײַבן זיי פונאַנדער אויף די עמיגראַנטישע וועגן.

ווייטיקדיק איז דער צער פון דער צאַנקנדיקער יוגנט. טעכטער פון פּלוינער אָפּגעקומענע בעלי־בתים „האָבן דאָך נישט קיין צו גרויסע פאַרלאַנגען, בלויז אַ ביסעלע גליק, אַ קליין ביסעלע פרייד — — — — און די יאָרן דערווײַל לויפן אָן ליבע, אָן גליק — צוליב פינף הונדערט דאָלער, צוליב אַ קאָמפּלעט מעבל, צוליב געפילן אויסגעטווישט אויף קליינגעלט".

די פּערספּעקטיוון זענען: צעלויפן זיך, אַנטרינען, — נישט נאָר ווײַל קיין אויסוועג איז נישטאָ, נאָר ווײַל עס ווערט אַלץ מער קאָנקרעטער די אָנונג פון דער אויפגעהויבענער היטלער־האַק.

בורשטינען האָט זיך אײַנגעגעבן, מיט גאַנץ דורכשניטלעכע, ווײַט נישט קיין גרויס־קינסטלערישע מיטלען, אויפצוכאַפּן דעם צער, די מורא און דאָס פאַרחורבנטע שטעטל־לעבן פון צעוואַקלטן קליינבירגערטום, ערב דעם נאָך גרעסערן בלוט־חורבן.

אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן האָט זיך באַוויזן **י. באַשעווים** — אַ פײַנער בעלעטריסט מיט אַן אָריגינעלן טאָנפולן סטיל, מיט ריטמיק אין וואָרט, מיט קינסטלערישער אויפכאַפּקראַפט אין אויג און אויער און מיט אַ סך אַלט־יִדישער קולטור, אָבער די אויסטערלישע ווײַטע טעמאַטיק זײַנע איז געווען אַ נישט־דאָיִקע, אַ נישט־הײַיקע, אַ פאַררוקטע אין געשיכטלעכע העקן און אין פּסיכאָלאָגישע לאַבירינטן.

דער קבלהדיקער מיסטיקער און ביטערער רעאַקציאָנער אהרן צייטלין האָט אַזוי כאַראַקטעריזירט באַשעוויסעס בוך „דער שטן אין גאָרײַ", וואָס איז דערשינען אין 1935 מיט אַן אונטערקעפּל „אַ מעשה פון פאַרצײַטנס":

„ווען מען פרעגט מיך: וואָס איז די גרונד־אידעע פונעם ווערק, וואָלט איך געזאָגט אַסקעטיזם — — — אין דער יִדישער ליטעראַטור פון הײַנט, וואָס גייט געטרײַ אין שפּאַן פון פּראָלעטקולטישער באַשטעלונג, זענען אַזעלכע ווערק ווי באַשעוויסעס אַ הערלעכער אַנאַכראָניזם".

די דאָזיקע אָפּשאַצונג כאַראַקטעריזירט צייטלינען און כאַראַקטעריזירט דאָס בוך. די ברכה איבער דער „הערלעכער" אָפּגעלעבטקייט און פאַרצײַטישקייט פון באַשעוויסעס ווערק האָט צייטלין געמאַכט נישט ווײַל ס'איז אים געפעלן געוואָרן די היסטאָרישע טעמאַטיק, נאָר צוליב דער מיסטישקייט און סאַטנדיקער שאַטנדיקייט פון בוך...

דאָס בוך מיט צייטלינס פאָרוואָרט איז דערשינען אין 1935, ווען די קעגנוואַרט האָט שוין געגליווערט ווי אַן אָפענע ווונד; ווען אַ מיליאָניקע יִדישע יוגנט האָט בײַם אָפּגרונט פון איר אויסגאַנגלאָזיקייט געוואַרט אויף אַ נײַ, אויפשליסנדיק און אויפברעכנדיק וואָרט; ווען גאַנץ אייראָפּע האָט שוין אָנגעהויבן צו דערשפּירן דעם פאַרטײַעטן פּריקרען אָטעם פון נירנבערג.

פון דער דאָזיקער צעוואַקלטער צײַט איז באַשעווים אוועק אין אַן אַנדער צעוואַקלטער צײַט. ער האָט אָבער נישט אויפגעכאַפּט די רעאַל־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון דער תקופה אין וועלכער ער האָט זיך פאַרקליבן, נאָר די אינדיווידועלע מיסטיק אירע און האָט אַרויסגעפירט אויף זײַן ליטעראַרישער סצענע דעם גאַנצן קלאַפּערגעצײַג פון רוחות, שדים, מזיקים, לצים, לאַפּיטוטן, טיוואַלים נישט־גוטע, וואָס באַשטימען אין אַ גרויסער מאָס דעם גורל פון זײַנע הויפּטהעלדן.

אין זײַן בוך באַשרײַבט ער די שבתי־צבי־אויפטרייסלונג פון אַ שטעטל, אָבער ער איז נישט אַרײַנגעדרונגען רעאַל־פּסיכאָלאָגיש אין דער שבתי־צבי־תקופה. דער גאַנצער אָקולטיזם וואָס איז פאַראַן אין בוך, דער זאַבאַבאָנעדיקער פלאָנטער, דער מיסטיציזם, די פּערווערזע הפקרותן, זענען אַ בפירושע איבערטרײַבונג, אַ שאַרזשירטע פאַרמיסטיקונג פון אַ היסטאָרישן עפּיזאָד און אַ פּראָדוקט פון שפּעטערדיקע קראַנקע פאַנטאַזיעס.

דער קינסטלער אין באַשעוויסן האָט אָבער דאָ און דאָרט רע־

בעלירט קעגן מיסטיצירנדיקן פאַנטאַסט. דאָ און דאָרט טויכן אַרויס פון דער מיסטישער פינצטערניש רעליעפע שטעטל־ און שטייגער־בילדער פון ייִדישן לעבן מיט איבער 150 יאָר צוריק, אָבער אין אַלגעמיין דאָמינירט דאָס דיבוקדיקע, דאָס געהיימנישפולע, דאָס גײַסטעריש־פאַרהוילענע.

מען מוז דעריבער מודה זײַן, אַז די בעסטע כאַראַקטעריזירונג פון באַשעוויסן האָט פּאָרט געגעבן צייטלין; ער רופט אים אָן „דער פּאָעט פון אַ וועלט אין דער פינצטער, דער דיכטער פון גראָטעסקן שוידער". ער מיינט עס, פאַרשטייט זיך, נישט לגנאי נאָר לשבח, אָבער אומאָפּהענגיק פון דעם וואָס ער מיינט, איז די דעפיניציע נישט קיין שלעכטע . . .

מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז פּאַראַלעל מיטן מאָלן די היסטאָרישע „וועלט אין דער פינצטער" האָט באַשעוויס געשריבן גאַנץ אַקטועלע שונדראָמאַנען פאַרן רויטקעפּלדיקן ברוכבלעטל „עקספּרעס" און שפּעטער צוגעשטעלט גאַנצע טאָנען צוגעפּעפּערטן ראָמאַנען־שונד פאַרן „פאָרווערטס".

ווי די סאַמע ערשטע פרויען־פיגור אין דער סאָציאַל־שפּירעוודיקער פּאָעזיע און אין דער קינדער־ליטעראַטור האָט זיך שנעל אַרויסגערוקט **קאַדיע מאָלאָדאָווסקי.**

דאָס לעבן פון דעם ייִדישן אַרבעטער־מיידל, די דזשיקע־גאַס און דאָס לויערן פון די פאַשיסטישע מחבלים אויפן דראַנגיקן יונגטלעכן געדאַנק, אויפן אויפלויכטנדיקן ייִדישן וואָרט, אויפן לעבן פון אַ גאַנצן דור, האָבן אָנגעפילט איר צאַרטן פערז מיטן קאַמפס־אַראָמאַט און מיט די שטרעבונגען פון דער פאָרויסגייענדיקער צײַט. אירע שפּילעוודיק־סאַטירישע און לײַכטפעדערדיקע קינדער־מאָטיוון זענען געוואָרן די יום־טובדיקסטע לעקטור אין אַלע ייִדישע שולן פון לאַנד.

צום באַדויערן איז זי אין אַמעריקע איבערגעבראָכן געוואָרן אויף דער העלפט. זי האָט שוין דאָרט „געמאַכט פון ווײַן די ברכה איבער אַ כוס מיט סם". זי האָט דערפילט, אַז „די אותיות קרישלען זיך, די ווערטער בלייכן אויס", און פון דעסט וועגן האָט זי נאָך מיט די דאָזיקע צעקרישלטע און אויסגעבלייכטע ווערטער באַוויזן אַרײַנצוטאַנצן אין נאַציאָנאַליסטיש־גאָטזוכערישן קאַראַהאָד פון דער בירגערלעכער, רעגרעסיווער ישראל־דיכטונג.

אַ פײַנפילנדיקער טאַלאַנטירטער דיכטער איז געווען **י. קירמאַן**, וואָס האָט אויף מאָטיוון פון נויט,ליידן און פּראָלעטאַרישן פּײַן אויסגעמײַסטערט קורצע, טיף־עמאָטיווע לידער.

אַ בלאָנדזשענדיקער, געדאַנקען־שווערער און מיט סתירות אַרומגעוויקלטער דיכטער איז געווען **ישראל שטערן**, וואָס האָט געהאַט עכטע דיכטערישע פּאָטענץ און שלאָגיקייט פון וואָרט, אָבער אַרומגעגאַנגען איז ער אָן אַ זײַט פון אַלץ און אַלעמען, מיט רעליגיעזע שטימונגען צײַטנווײַז און מיט אַן אומדעפינירטן, האַלבדערזונגענעם טרויער.

**י. י. טרונק** איז פון זײַן תחילתדיקער עקזאָטיש־פאַרהוילענער און נאַטור־באַשרײַבערישער בעלעטריסטיק אַריבער צו טיף־אינטעלעקטואַליסטישער עסייאַיִסטיק. ער האָט זיך געגראָבן אין „אייביקע" גרונדפּראָבלעמען פון לעבן און קונסט, דערנענטערט זיך שפּעטער צו קאָנקרעטע ייִדישע קולטור־פראַגעס און אָנגעוויזן אויף זייער ענגער לעבנס־שײַכות מיטן סאָציאַליזם. נאָר שפּעטער איז ער אַריבער צו פילאָסאָפישער ליטעראַטור־פאָרשונג, באַנוצנדיק אַ שפּראַך, וואָס איז אָפט מאָל געווען צו קאָמפּאַקט, צו אַקאַדעמיש־קאָמפּליצירט.

מיט זײַנע אויסגעצייכנטע ליטעראַרישע פּאַראָדיעס און מיט זײַנע שפּראַכלעך־ און פּסיכאָלאָגיש־געלונגענע הומאָרעסקעס האָט **דער טונקעלער** פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין דער לאַך־ליטעראַטור.

ער האָט נישט געהאַט קיין בעלעטריסטישע אַמביציעס און איז געווען בעיקר אַן עפּיזאָדן־הומאָריסט, אַ הומאָריסט צוליבן הומאָר אַליין און נישט ווי אַ שרײַבער וואָס דער הומאָר אינטערעסירט אים ווי אַ מעטאָד אין דער גרויסער שרײַבערישער קונסט, אויפן שטייגער פון שלום עליכמען, למשל.

מיט ליטעראַטור־קריטישע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן אין די פאַרשידענע וואָכנשריפטן, חודש־זשורנאַלן און ליטעראַרישע בײַלאַגעס פון די טעגלעכע צײַטונגען האָבן זיך באַטייליקט: ש. קאַזדאַן, מ. זילבערפאַרב, י. פּאַט, ש. מענדעלסאָן, ש. לעוו, ל. פינקלשטיין, א. בערמאַן, י. מ. ניימאַן, מ. פלאַקסער, און **צענדליקער אַנדערע**, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די פאַרשידענע טענדענצן פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג אַרום דער שיינער ליטעראַטור.

מיט אַ סך ערודיציע האָט זיך אויסגעצייכנט דער ליטעראַטור־קריטיקער און גלענצנדיקער איבערזעצער **י. ראַפּאָפּאָרט.** ער איז געווען אַ פּעדאַנט און אַ שטרענגער מאָנער. ער האָט זיך נאָך אַנאַנד אַרומגעטראָגן מיט אַ פאַרביטערונג און מיט אַ פאַרדראָס וואָס די הויפּט־דעה אין דער ליטעראַטור האָבן אַנדערע און נישט אַזעלכע ווי ער. עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז איינער פון זײַנע פּאָלעמישע הויפּטצילן איז מאַכן צו בלאָטע נ. מײַזילן, אויף וועמענס אַדרעס ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין פּאַמפלעטן, אַראָפּרײַסערישע אַרטיקלען און בייזע וויצן. ווי אַ שרײַבער מיט אַנטיפּראָגרעסיווע אײַנשטעלונגען האָט ער זיך באַצויגן פײַנטלעך צו דער יונגער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין פּוילן און אָפט באַקעמפט זי אויף זײַן שפּיציקן אופן.

האַרט פאַר דער מלחמה האָט ער געגרינדעט אַ זשורנאַל „דער קריטיקער", צו וועלכן ער האָט אויך צוגעצויגן י. מ. ווײַסענבערגן. ביידע אומצופרידענע, כאָטש אַזוי שטאַרק פאַרשידענע צווישן זיך, דאָן־קיכאָטן האָבן פאַרברידערט זייערע שפּיזן . . .

מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז אויפן געביט פון פאָרשן די עלטערע ייִדישע ליטעראַטור האָט אַ סך אויפגעטאָן ד״ר י. שיפּער, אויפן געביט פון געשיכטע־ליטעראַטור — ד״ר ע. רינגעלבלום און ד״ר ר. מאהלער, אויפן געביט פון פּאָפּולאַריזירן וויסנשאַפט — י. יאַשונסקי, און אויפן געביט פון דיאַלעקטן־פאָרשונג, שפּראַך־וויסנשאַפט און געשיכטע פון ייִדיש — דער אומדערמידלעכער נ. פּריילוצקי, — דער עקספּערט פון מינדלעכן ייִדיש, דער פּערפעקסטער קענער פון דער ייִדישער רעדשפּראַך, אין אַלע אירע דיאַלעקטאָלאָגישע קנייטשלעך.

## דער פאַשיזם, די ליטעראַרישע סביבה און דער יינגסטער שרייבערישער דור.

עס איז איבעריק צו דערמאָנען באַריכות ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען די איצט שוין אויף אַן אמת „היסטאָרישע" באַדינגונגען פאַר דער ייִדישער קולטור אין פּוילן, ווען עס האָבן נאָך געלעבט די גרויסאַרטיקע און צעכוואַליעטע ייִדישע מיליאָנען.

אויב אויפן עקאָנאָמישן געביט האָבן געהערשט גראָבע דיס־

קרימינאַציעס, איז אויפֿן קולטור־געביט געוואָרן נאָך ערגער. עס האָט געהערשט נישט נאָר אַן אָפיציעלע אינדיפערענץ און איגנאָרירונג, נאָר אַ בייזוויליקע קעגנערשאַפט מצד דער כוליגאַנישער מלוכה. די יידישע קולטור, וואָס האָט געפילט אויף איר נאַקן די פּאָליציייִשע פויסט און אויף איר גאָרגל די זשאַנדאַמערישע פינגער, האָט זיך געשטיקט אָבער איז נישט דערוואָרגן געוואָרן. די יוגנט, וואָס איז געזונקען אין אויסזיכטלאָזיקייט, האָט געזוכט אַ דערהייבנדיקן אָנהאַלט און אַ גייַסטיקע קאָמפּענסאַציע אין יידישן וואָרט, און איר קולטור־הונגער איז געווען ממש אַ וואָלפישער.

דער גרעסטער טייל יידישע קולטור־טוער און מיטליאָריקע שרייַבער, וואָס זענען געווען קאָנפאָרמיסטן, „לאָז מיך־געמאַך"־מענטשן, איינגעקאָרטשעטע אין זייער פּאַטאַליסטיש־יידישלעכער „לעבנס־חכמה", האָבן נישט געהאַט מיט וואָס אויף אַן אמת זאַט צו מאַכן די דאָזיקע אידעאַליסטישע יוגנט. ערשט אין אָנהייב פון די דרייַסיקער יאָרן איז פון דער דאָזיקער יוגנט גופא אַרויסגעקומען אַ נייַער דור שרייַבער, וואָס דאָס קעמפערישע וואָרט זייערס האָט זיך גענומען אויסטיילן פון די קליינבירגערלעכע זיפצערייַען און וואָס דאָס לעבן זייערס צוזאַמען מיט זייער גאַנצן שאַפן איז געגאַנגען לויט דער ריכטשנור פון אַ פירנדיקן אידעאַל.

זייערע שרייַבטישן זענען אָפט מאָל געשטאַנען אין די תפיסות און איינער פון זייערע סאַמע יינגסטע — דער טיפזיניקער ליטעראַטור־קריטיקער און דיכטער א. ל. גערמאַנישסקי (א. ל. גאָרין) איז פאַרפּייַניקט געוואָרן צום טויט אין קאַרטוז־בערעזע. זיי האָבן זיך דורכגעקוועטשט דורך די דערשטיקונג־רינגען פון פּוילישן פאַשיזם און האָבן נישט געשוויגן.

זיי האָבן נישט סתם געליטעראַטעוועט און געפּעלעטאָנעוועט, און אוודאי נישט געשונדעוועט אויף יידיש, ווי דאָס האָבן געטאָן אַ סך פון זייערע קאָלעגן, וואָס זענען געווען געזעצטע און געשעצטע מענטשן, נאָר זיי האָבן, ווי בני נביאים, אַרומגעטראָגן אומעטום די אָנגעגליטע קויל פון זייער וואָרט און אייַנגעשפּאַנט זייער גאַנצן אָדלערדיקן שאַפן אין שווערן יידישן וואָגן. זייער מיין איז געווען צו העלפן נישט מיט קיין געדריידלטן „וויאָ", נאָר טאַקע אַ ריר טאָן דעם וואָגן.

אויפן יידישן קולטור־לעבן וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן פון דער בירגערלעך־פאַרעלטערטער, קאַפּיטולירנדיקער צעטומלטקייט, האָט זיך פון איין זייַט אָנגערוקט די פאַרסירטע פּאָלאָניזאַטאָרישע אַסימילאַציע, אָבער פון דער צווייטער זייַט, — אַן אייגענער יונגבלוטיקער אויסלייזער — די באַוווּסטזיניקע יוגנט, וואָס האָט פאַרשטאַנען אַז איר יידיש־גייַסטיקע דערהייבונג און באַפרייַונג איז פאַרבונדן נישט נאָר מיטן פּאַסיוון געניסן די אָנגעזאַמלטע קולטור־ווערטן, נאָר דער עיקר — מיט קולטורקאַמף, און אַז אמתער קולטורקאַמף איז אַ צווילינג־דערשייַנונג פון פּאָליטישן קאַמף.

די פּאָליציי און די בערל קוטשמעס האָבן נישט געשוויגן, אָבער דערפאַר טאַקע ווייַל זיי האָבן נישט געשוויגן האָט די דאָזיקע יוגנט אוודאי נישט געקענט שווייַגן. זי האָט נישט אויפגעהערט צו פירן, דורך וואָרט און שריפט, איר דראַמאַטישן קאַמף.

ווי אַזוי איז די דאָזיקע יוגנט אויפגענומען געוואָרן אין דער אַלגעמיינער ליטעראַרישער סביבה? און צי האָט בכלל עקסיסטירט אַזאַ מין יידיש־ליטעראַרישע סביבה?

אין דער אמתן זענען די שרייַבער פון די צוואַנציקער יאָרן אַליין געווען סביבהלאָז, אויב דורך סביבה דאַרף פאַרשטאַנען ווערן ברייט־קאָלעקטיווע משפחהדיק־אינטימע פרייַנדשאַפט, וואָס שטאַרקט דעם געזעלשאַפטלעכן אָפּטימיזם און סטימולירט צו שעפערישקייט.



פּראָפעסיאָנעלע קאָנקורענץ, אומפּאַרגינערישקייט, גרויסהאַלטערייַ, עגאָיסטישע אויסרעכענונגען, קלייַנזל־חשבונות, האָבן, ווי אין יעדער בורזשואַזער געזעלשאַפט, געשטערט אַז עס זאָל זיך אויסבילדן אַ האַרמאָנישע, ברידערלעכע שרייַבער־סביבה. עס האָבן יאָ עקסיסטירט פּאַרטיי אָדער אינטערעסן־כנופיהלעך, און כאָטש אַלע האָבן געשווירן טרייַהייט צום אידעאַל פון יידיש־וועלטלעכער קולטור, איז דער דאָזיקער פאַרעווער און צו־גאָרנישט־פאַרפליכטנדיקער אידעאַל געווען צו שוואַך אויף צו פאַרבינדן אַלעמען אויף אַן אמתן סביבהדיקן אופן.

איצט פּרוּווט מען אָבער דערווייַזן, אַז אַזאַ מין סביבה איז יאָ געווען, און דער שלאָגנדיקער באַווייַז איז... טלאָמאַצקע 13!

עס איז אַ באַקאַנטע דערשייַנונג, אַז נאָך יעדן גרויסן אומגליק קומט אויף בייַ מענטשן אַ נייגונג צו ראָמאַנטיזירן דאָס אַלץ וואָס עס האָט עקסיסטירט פאַרן אומגליק און איבערצוטרייַבן די באַדייַטונג פון זאַכן, צושטאַנדן און סיטואַציעס. אַזוינע ראָמאַנטיזירונגען און אידעאַליזירונגען, ווען זיי זענען בלויז טיף־עמאָטיווע, קענען נאָך פאַרשטאַנען און טאָלערירט ווערן, אפילו ווען זייער נישט־ריכטיקייט איז אַ באַשייַנפּערלעכע אָבער ווען זיי קומען אויף צוזאַמען מיט אַ באַשטימטן מיין, צוזאַמען מיט דער כוונה צו דערווייַזן אַז דאָס אַמאָליקע איז געווען גוט און דאָס איצטיקע טויג נישט, אין דער צייַט ווען דאָס איז פּונקט פאַרקערט, דאַרף מען אָנווייַזן אויף זייער סוביעקטיווקייט און טענדענציעזקייט.

טלאָמאַצקע 13 — דעם געוועזענעם פאַראיין פון יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין וואַרשע — וויל מער פאַרשטעלן שיעור נישט ווי דעם צענטער פון יידישער קולטור־שאַפונג, קולטור־אויסשפּרייטונג און קולטור־בליִונג אין פּוילן; ווי דעם צענטער פון שעפערישער געמיטלעכקייט און פרייַהייט, אין קעגנזאַץ צו זייַן שפּעטערדיקער „לינקיסטישער" דעקאַדענץ און צו דער רעגימענטירטער פּאָליטישער אייַנגעצוימטקייט פון ענלעכע פאַראייַנען אונטער אַנדערע רעזשימען... מען האָט אפילו געוואָלט שאַפן דעם אייַנדרוק אַז טלאָמאַצקע 13 איז געווען אַ מין מאָדערנע פאָרזעצונג פון צעגלאַנע 1...

וואָס האָט אַזוינס, אין דערווירקלעכקייט, געבליט אויף טלאָמאַצקע 13?

דאָס קען מען לייַכט אויסגעפינען אין סעגאַלאָוויטשעס שיר־השירים צו דער „בודע" (היימישער נאָמען פון ליטעראַטן־פאַראיין). ווען מען נעמט אַרויס פון סעגאַלאָוויטשעס באַשרייַבונג דעם גאַנצן סענטימענטאַליזם, דעם מעלאָדראַמאַטישן השתפכות־הנפש, די האַלב־לירישע דיגרעסיעס און אַלע פיל־ און ווייניק־באַדייַטנדיקע פּילפּונקטן, זעט מען אַז טלאָמאַצקע 13 איז, אין תוך גענומען, געווען אַ ליטעראַרישע קיבעצאַרניע, אַ קליינבירגערלעכער ליטעראַטן־קלוב, וווּ איינציקע פון די הויפּט־אַטראַקציעס איז געווען, לויט ווי סעגאַלאָוויטש אַליין חזרט עס איבער אומצייליקע מאָל, דער גראָטעסקער שרייַבער הערשעלע, די קאַץ פּיפּי און דער הייזעריקער פּאַטעפאָן...

דריקט זיך אויס די קולטור־טעטיקייט פון אַ ליטעראַטן־פאַראיין אין דער הויפּטשטאָט פון אַ לאַנד, וווּ עס וווינען דרייַ מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן, בלויז אין אייַנאָרדענען ספּאָראַדישע און אָב־

סאָלוט צופעליקע רעפּעראַטן אין זײַן קליינעם לאָקאַל? האָט אפשר דער ליטעראַטן־פאַראיין, וואָס האָט אַליין נישט געקענט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קולטור־פאַרבאַנד, געשאַפן די איניציאַטיוו פאַר אַ קולטור־צוזאַמענפאָר? האָט ער עפּעס געטאָן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דער אָנגעגריפענער ייִדישער קולטור אין פּוילן?

ניין! אין די סאַמע דראַמאַטישסטע מאָמענטן פון ייִדישן לעבן אין פּוילן אין די סוף דרײַסיקער יאָרן האָט זיך דער פאַראיין גענומען צעפאַלן, ווײַל „עס האָבן זיך אין לאָקאַל אַרײַנגעשמוגלט פרעמדע, נישט־נייטיקע עלעמענטן" (סעגאַלאָוויטש).

ווער זענען עס געווען? דאָס איז געווען דער יונגער דור ראַדיקאַלע שרײַבער, וואָס האָבן געוואָלט אַרײַנברענגען לעבן, אינהאַלט און אידעע אין טלאָמאַצקע 13, אָנשטאָט די אײַנגעזעסענע רכילותלעך און די מידות פון גוטברודערישער באָהעמיע. אָנשטאָט זיי צו דערנענטערן, האָבן סעגאַלאָוויטש און זײַנע חברים אפילו נישט אינטערעסירט זיך ווער זיי זענען. ער באַמערקט סאַרקאַסטיש „זיי זאָגן אַז זיי זענען שרײַבער", און געווען זענען עס: בינעם העלער, משה שולשטיין, דוויד מיצמאַכער, דוויד ספּאַרד, הערש זאַראַמב, קלמן ליס, מיכאַל נאַטיש, מ. מירסקי, די אָליצקים און צענדליקער אַנדערע קרעפטיקע טאַלאַנטן.

די עלטערע קאָלעגן, אָנהייבנדיק מיט די אַסימילאַטאָרן פון „נאַש פּשעגלאָנד", האָבן אין די שפּעטע דרײַסיקער יאָרן אָנגעהויבן פונאַנדערצולויפן זיך פון טלאָמאַצקע 13 און פאַרבײַטן זי מיט די צענטראַלע „קאַוויאַרניעס", ווײַל וואָס איז עס פאַר אַ לעבן, אַז די „אַרײַנגעשמוגלטע עלעמענטן" האָבן אָנגעהויבן רעדן צו ערנסט און אַז „מען לאָזט נישט אָנשטעלן דעם פּאַטעפאָן" (סעגאַלאָוויטש).

די מוטלאָזיקייט און אָפּגעלאָזנקייט פון די בירגערלעכע שרײַבער איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן ביסלעכווײַז גענומען קאַפּיטולירן צו די שרײַבעריש נישט־אָנערקענטע „צעשטערערישע עלעמענטן"; זיי האָבן אייניציקווײַז גענומען פאַרלאָזן די „בודע" און אַזוי האָט זיך טלאָמאַצקע 13 דערקײַקלט צו איר „לינקיסטישער" יציאת־נשמה...

צענדליקער אַנדערע שרײַבער, אויסער סעגאַלאָוויטשן, האָבן אויך געפּרוּווט אַרײַנפידלען זייער סענטימענטאַלע נאָטע אין די סערענאַדעס צו טלאָמאַצקע 13. דער „טיפערער" מיין פון די דאָזיקע אַלע ליובגעזאַנגען איז אָט וועלכער: געווען אַ מאָל אַ ליטעראַטור אין פּוילן און איר בית־המיקדש איז געווען טלאָמאַצקע 13; איצט, אָבער, איז אַלץ פאַרגאַנגען; נישטאָ, נישטאָ און נישטאָ, און דער עיקר — עס וועט נישט זײַן!

אַזוי איז אויפגעקומען די פאַלשע ראָמאַנטיזירונג פון טלאָמאַצקע 13. די פּאָליטישע אויפגאַבע פון דער דאָזיקער ראָמאַנטיזירונג איז אַ קלאָרע: פּרוּוון פאַרשטעלן מיטן דאָזיקן אויסגעבלאָזענעם ליטעראַרישן באַלאָן די איצטיקע ייִדישע, מלוכיש־סאָציאַליסטישע קולטור־ווירקלעכקייט אין נײַעם פּוילן.

נישט אומזיסט האָט זיך דאָס גאַלע שרײַבערישע דעזערטירן־קרײַזל אויף רי פּאַטען 9, אין פּאַריז, אַ נאָמען געגעבן טלאָמאַצקע 13, און נישט אומזיסט האָט די ייִדישע ליטעראַרישע רעאַקציע אין בוענאָס־אײַרעס, בשותפות מיט די אימפּאָרטירטע דעזערטירן, אויך געגרינדעט אַזאַ מין שטיקל קלוב אויפן נאָמען פון דער „בודע"...

---

דער שרײַבערישער דור פון די דרײַסיקער יאָרן, אין קעגנזאַץ צום נאָכמלחמהדיקן דור, איז כמעט אין גאַנצן געווען דורכגעדרונגען, אידעאָלאָגיש אָדער עמאָטיוו, מיט די פּראָגרעסיוו־רעוואָלוציאָנערע אײַנשטעלונגען פון דער נײַער צײַט.

די יונגע ליטעראַטור איז געבוירן געוואָרן מיט אַן אַנטיפאַשיסטישן וואָרט אויף די ליפּן, און דער דאָזיקער אַקטיוו־ליטעראַרישער אַנטיפאַשיזם איז געווען אַזוי בולט, אַז די פאַרשידענע צײַטלינגס און ניימאַנס האָבן זיך ממש איבערגעשראָקן און כסדר געוואָרנט קעגן דער פּראָלעטקולטישער אָדער פּראָלעטפּענישער געפאַר...

אַזוינע ביכער־טיטלען ווי „אין אומרו פון טעג", „צווישן ווענט", און „ברויט און בלײַ", וואָס זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן אינהאַלט פון כמעט אַלע דערשינענע לידער און דערציילונגען, האָבן אָנגעזאָגט וועגן אַ נײַער מאָדע אין דער ייִדישער ליטעראַטור. עס איז דעריבער קיין וווּנדער נישט וואָס געוויסע אַלטמאָדישע עלעגאַנטן, שיינשרײַבער און וואָרעם אין־כריין־אידעאָלאָגן האָבן אַ ציטער געטאָן.

דאָס קיסטלערישע קאַמפּסוואָרט, וואָס די ערשטע יוגנטלעכע סימנים זײַנע האָבן זיך באַוויזן אַרום יאָר 1925, האָט, פאַרשטייט זיך, קיין אָפענע ליטעראַרישע טירן נישט געפונען און קיין שום ברוך־הבא מצד דעם בירגערלעכן פּרעסע־וועזן איז אים אוודאי און אוודאי נישט אונטערגעטראָגן געוואָרן. האָט זיך אַ גרופּע פּעניוגנט, נישט דווקא קיין אויסגעשפּראָכן־פּראָגרעסיווע, דערטראַכט צו אַן אייגענער צײַטשריפט, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „שפּראָצונגען". אַרום די „שפּראָצונגען", וואָס האָבן געשפּראָצט אַ קורצע צײַט, האָבן זיך באַוויזן צו גרופּירן אַ 20 נײַע שרײַבער.

שפּעטערצו פלעגן די „ליטעראַרישע בלעטער" עפענען פון צײַט צו צײַט אַ פענצטערל פאַרן דאָזיקן נײַעם וואָרט, און וואָס שייך די ליטעראַרישע בײַלאַגעס פון דער טאָגפּרעסע, האָט זיך דאָרט אַ נײַ און יונג וואָרט געקענט אַרײַנקוועטשן קוים דורכן לאָך פון אַ נאָדל. די בונדישע „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור", וואָס איז געווען זיכער אַז פּאָליציי וועט זי נישט טשעפּען, האָט נישט זעלטן פּאַראַדירט מיט דיכטערישן אַוואַנגאַרד־שטאָף כדי צו ווײַזן דעם עולם ווי געוואַגט און פּראָלעטאַריש זי איז...

פון אַלע ליטעראַרישע אַכסניות האָט דעם אמתן שרײַבער־אַוואַנגאַרד גענומען ברעכן די ביינער, און ס'איז קלאָר געוואָרן אַז אָן אַן אייגענעם ווינקל וועט מען זיך נישט קענען באַגיין.

ס'איז סוף כל־סוף אויפגעשטעלט געוואָרן די מאַרקסיסטישע „ליטעראַרישע טריבונע", אָבער פּונקט ווי אַ רויטע טוך, וואָס צערייצט דעם אָקס, האָט זי גלײַך צוגעצויגן צו זיך די צעיושעטע פּאָליציייִשע הערנער. אַ פאַרפאָלגטע, האָט זיך די דאָזיקע העלדישע צײַטשריפט אַ צײַט לאַנג נישט געלאָזט דעריאָגן. זי איז אַנטלאָפן קיין טשענסטאָכאָוו און אין אַנדערע שטעט...

די שפּעטערדיקע טאָגצײַטונג „דער פרײַנד" האָט אויף אַ ווײַל אַ צעפּראַל געטאָן ברייטע פּערספּעקטיוון פאַרן פאַרפאָלגטן וואָרט, אָבער זי איז יונגערהייט דערשטיקט געוואָרן...

און אַזוי איז געגאַנגען (נישט געגאַנגען...) כסדר. ביזן סאַמע אויפרײַס פון דער ערשטער היטלעריסטישער באָמבע איז דאָס אַנטיפאַשיסטישע וואָרט געווען היימלאָז, אָבער קיין מאָל נישט מוטלאָז און אוודאי נישט האָפענונגסלאָז...

---

אַרום דעם וואַרשעווער קערן פון יונגן קינסטלער־דור האָבן

זיך אין דער הויפּטשטאָט אָנגעזאַמלט שרײַבער פון אַלע עקן פּוילן: פון וואָלין און ליטע, פון קרוינפּוילן און גאַליציע. די קרעסן און די וואַרשעווער יידישע ראָגן האָבן זיך געטראָפן אין די גרענעצן פון איין ליטעראַרישן אידעאַל.

וואָלין האָט געבראַכט קיין וואַרשע פרילינגדיקן בעז, זומערדיקן זשאַסמין און האַרבסטיקע געאָרגיניעס. אַלע וואָלינער דיכטער האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אין שטאָט אַרײַן זייערע קאַיאָרן, זייערע סנאָפּעס, זייערע סטויגן, זייערע ווייצענע מאַרוסיעס — און מער פון אַלעמען ברוך אָליצקי. ער איז געקומען מיט פּעאָדאָסיעס און יאַדוויגעס, מיט כוועדאָרן און וואַסילן, מיט פעלדער און טשערעדעס, מיט יאַגדעס און קרײַטעכצער, מיט רעגן־בויגנס און שקיעות, אָבער ער האָט אויך געבראַכט דעם דאָרפישן צער פון אונטערדריקטן, וואָס שמאַכט אונטער דער פויסט פון באַצווינגער און די חשבותדיקע ווירקלעכקייט פון „לאָמע שטעטלעך, אָן קוליעס און אָן ברויט". און אָט דערפאַר טאַקע האָט ער גלײַך אויסגעשריִען: „איך טראָג געבראָזגערײַ פון שויבן אין מײַן זינגענדיקן בלוט".

דעם דאָזיקן דאָרפדיכטער איז אַ לאַנגע צײַט אויסגעקומען אַרומצוּוואַלגערן זיך אין דער קרוינשטאָט וואַרשע, וואָס „רוישט אָן אַ שיִער פּייען: פּראָוואָקאַציע, פּראָסטיטוציע, פּולווער און פּחד". דאָ, אין דער האַרטער שטאָט, האָט ער גענומען בענקען נאָך אַ „באַגינען־לאַנד" און ער איז געווען זיכער אַז „אַזאַ שטאָקפינצטערניש וויגט אויס אין איר וויג אַ ליכטיקן מולד; דאָס איז אַ בעכער פון לויטערער נחמה אויף דער דלאָניע פונעם שפּעטער"...

פון ווילנער ליטע איז געקומען מיכאל נאַטיש, מיט דאָרפישע „זאַבאַוועס" מיט האַרמאָשקעס און מיט גלעקלעך פון פּויערישע זונטיקס און מיט וואָכעדיקן ווייטיק פון אָרעמען באַטראַק. גלײַכצײַטיק האָט ער אין זײַן „מוליער הירש" אַרויסגעבראַכט אַ פּיקחתדיקע פאָלקס־פילאָסאָפיע פון אַ שאַרפזיניקן האָרעפּאַשניק, וואָס צעפּאַלמעסט די שטעטלדיקע גבֿיראָקראַטיע מיט אינסטרומענטן פון טוביה דעם מילכיקערס מאַרקע און וואָס ווײַזט אונדז גלײַכצײַטיק די גאַנצע איצטיקע וועלט אַ סינטעטיזירטע אין אַ טראָפּן שטעטלדיק לעבן.

דעם יידישן און ווײַסרוסלענדישן ווייטיק פון די מזרח־קרעסן האָט אַרויסגעבראַכט ב. שליווין דורך זײַנע ביכער „צווישן ווענט" און „אַ מאַרש אויף בריסק". די לאַפּע פון פּאָלאָניזאַטאָרישן קאָלאָניאַל־רעזשים און פון דער פאַשיסטישער פּרעפּאָטענץ דריקט אויף אַלע געשעענישן פון זײַנע ווערק, וואָס זענען פול מיט אויפּברויז און רעוואָלט פון פאַרפאָלגטן מענטשן און מיט מײַסטערדיקע, ברייט־געשניטענע סביבה־שילדערונגען.

פון שטײַדערשן וואַרשטאָט איז געקומען משה שולשטיין און אָנשטאָט צו „ניצעווען הויזן" האָט ער זיך פאַרמאָסטן „איבערצוניצעווען אַ וועלטל"...

ער האָט שנעל אויפגעזאַמלט אין זײַן עקספּרעסיוון פערז דעם גאַנצן ווײ, דאָס גאַנצע אומרעכט און אַלע בענקעניש פון דער פּראָלעטאַרישער מאַסע, אָבער געוואָרן איז ער אַ הויפּטפיגור נישט נאָר אויפן מוראַנאָווער און סטאַווקער פּראָלעטאַרישן פאַרנאַס, נאָר אויך אין טיפן שטעטלדיקן הינטערלאַנד און אין דער גאַנצער אַוואַנגאַרד־ליטעראַטור.

בלײַ ווערסים בלוט, שווער־געקאָוועטע קראַטן ווערסים קאַמפּסיוגנט, באַגנעטן ווערסים דער אַרבעטער־פּאָן, געשיואָלענע פּראָפיטן ווערסים געשוואָלענעם הונגער, נאָפּט ווערסים בלוט, אימפּעריאַליסטישע אינטערווענץ ווערסים סאָציאַליזם, און איבער אַלץ — שטאַלענער גלויבן אינעם מאָרגנרויט ווערסים דער אָנגעזאַטלטער טיראַנישקייט פונעם חושכדיקן הײַנט — אַזעלכע זענען געווען די מאָטיוון פון זײַנע לידער.

די שפּראַך — אַ שלאָגיקע, אַ דינאַמיש־בילדערישע, אַ ציל־טרעפנדיקע, האָט געגנוי אינטערפּרעטירט די געפילן פון צענדליקער טויזנטער, און דערפאַר איז דער רעציטאַטאָרישער רעפּערטואַר געווען שטענדיק אָפן פאַר זײַנע פערזן, וואָס האָבן זיך געטראָגן ווי ליכטיקע „צוגן" צום אומפאַרמײַדלעכן ענדציל...

דער וואַרשעווער בינעם העלער האָט מיט שטילע לירישע מיטלען פאַרבונדן זײַנע אינטימע איבערלעבונגען מיט די סאָציאַלע יסורים פון זײַן קלאַס און מיטן בונטאַרישן געמיט־צושטאַנד פונעם „דור וואָס קלעטערט, קלעטערט אַרויפצו צום טורעם מיט פאָן און מיט האָר געצוואָגענע אין שטורעם".

ער איז נישט קיין סתם־באַשרײַבער און באַזינגער פון פּאַטעטישע געשעענישן אָדער דערשיטערנדיקע צושטאַנדן, נאָר אַ דירעקטער מיטלעבער, אַן אינעווייניקסטער אָנטייל־נעמער. אַלע זײַנע פּערזענלעכע איבערלעבונגען, די סאַמע משפּחהדיקסטע, די סאַמע איכיקסטע, טראָגן נישט קיין אָפּגעשלאָסן־פּריוואַטן כאַראַקטער, נאָר שלאָגן זיך דורך דורכן „אומרו פון טעג", דורך דער פּריזמע פון דער פאַררייכערטער צײַט.

זײַנע סובטעלע אַרויסגעבראַכטע שפּירונגען זענען נאָך אַנאַנד געפּאָרט מיט רעוואָלוציאָנערער אַנטשלאָסנקייט און זענען געוויקלט אין אַ היימיש־פּשוטער, לײַוונטענער שפּראַך.

ד. ספֿאַרד, איינער פון די באַדײַטנדיקסטע אינטעלעקטואַלן און קולטור־טעאָרעטיקער פון שרײַבערישן אַוואַנגאַרד, האָט אָנגעהויבן מיט האַרציקער פּאָעזיע און אויך מיט בעלעטריסטיק. ער איז אַריבער צו מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קריטיק, קולטור־עסייִסטיק און באַהאַנדלונג פון געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, אַרויסווײַזנדיק דערבײַ פײַנע ערודיציע סײַ אין די יידישע קולטור־אוצרות, סײַ אין דער פריש־אָנגעוואַקסענער ליטעראַטור־שאַפונג און סײַ אין מאַרקסיסטישן וויסן, אָנגעווענדט אויף ליטעראַטור און געזעלשאַפט־קענטעניש.

אויף דער זעלבער ליניע פון גרענעצלאָזער טרײַהייט צום פאָלקסלעבן און פון פרענעטישער ליבע צו די הומאַניסטישע אידע־



משה שולשטיין

אַלן פון דער יונג־רעוואָלוציאָנערער וועלט, זענען אין זייער שאַפן געגאַנגען: דער ראָמאַניסט און פאַבל־דיכטער ל. אָליצקי, די פּראָזאַיקער: ד. מיצמאַכער, ש. בערלינסקי, מ. דזשיאַלאָווסקי; די דיכטער: קלמן ליס, י. זילבערשטיין, י. ל. קאָהן, ש. ווּלמאַן, ב. געלמאַן, און נאָך און נאָך, צווישן זיי אַ סך יונגוואַרג אין די צענדליקער און צענדליקער.

אָן אַ זייַט פון דאָזיקן יוגנטשטראָם, וואָס האָט געפּליוצט אין דער ריכטונג צום פּרילינג, זענען דערשינען י. לערערס „מייַן היים" און ל. ראַשקינס „די מענטשן פון גאָדלבאָזשיץ", וווּ ס'איז ווידער אַ מאָל אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין פּאָעמאַטישער פּאָעזיע און אין אַנאַליטישער פּראָזע דאָס שטעטל וואָס קרישלט זיך און צעגייט ווי שניי... בדרך־כלל האָט אָבער אין דער גאַנצער יונגער ליטעראַטור פון די מיטעלע דרייַסיקער יאָרן דאָמינירט דער גייַסט פון קאַמף, דער גייַסט פון בעליגעראַנץ און פון אַקטיווער באַטייליקונג אינעם מאַרש פון דער פאָראויסגייענדיקער מענטשהייט.

מען קען רעכענען אַז אין גאַנץ פּוילן האָבן אַרום 100 שרייַבער, צווישן 18 און 40 יאָר, מאָביליזירט פרייַוויליק זייער שאַפן אויפן אַנטיפאַשיסטישן ליטעראַטור־פראָנט, וואָס האָט זיך פון „יונג ווילנע" געצויגן דורכן קנופּצענטער וואַרשע, דורך לאָדזש, ביז צו לעמבערג.

די דאָזיקע אַנטיפאַשיסטישע ליטעראַטור־ליניע האָט געשטאַרקט דאָס פאַרקלעמטע הארץ פון דער יִדיש־פּוילישער יוגנט און האָט זיך שפּעטער אָוועקגעצויגן אין די געטאָס און אין די פּאַרטיזאַנישע וועלדער, מיט דער זעלבער אַנטשיידנקייט און מיטן זעלבן שטאָלץ, אָבער מיט מער פּולווער און מיט מער בלוט...

גאָר אַ סך פון די פאַרטיידיקער פון דער דאָזיקער אידעיִשער ליניע זענען געבליבן אונטער די חורבות, גאָר ווייניק האָבן פאַרראַטן און אויסגעקליבן דעם קראַוּטשערגינסקישן שאַנדוועג, און די איבעריקע פירן איצט אָן מיט דער מלוכישער יִדישער קולטור אין סאָציאַליסטישן פּוילן און מיט די זיגערישע קולטור־פאָרמעסטן אין יִדישן פראַנקרייַך.

## שלוסוואָרט

במשך פון די 50 יאָר, וואָס גרענעצן זיך מיט דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דאָס יִדישע לעבן צוגעקומען צו דער ליניע פון היסטאָרישע אַנטשיידונגען.

דאָס זענען געווען יאָרן פון ראַשיקע עליות און ירידות, פון ווירטשאַפטלעכע, סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע, רעוואָלוציאָנערע און מלחמה־אויפטרייסלונגען; יאָרן אין וועלכע רענעסאַנס און אומקום, הומאַניזם און רעגרעס האָבן נישט אויפגעהערט צו ראַנגלען זיך איינס מיטן צווייטן. אין ברען פון דאָזיקן נייַצייַטיקן געראַנגל צווישן גוטס און שלעכטס, איז דאָס יִדישע לעבן מאָדערניזירט געוואָרן און דערוואָרבן פאָרמעל בירגערלעכע גלייך־באַרעכטיקונג. אָבער די שטעטלדיקע ווירטשאַפט־סטרוקטור איז צעקרישלט געוואָרן, די קלאַסן־דיפערענצירונגען זענען געוואָרן פאַרשאַרפט און דער אַגרעסיווער אַנטיסעמיטיזם איז געוואָרן אַלץ מער און מער זאָאָלאָגישער.

אין באַגין פון דער דאָזיקער תקופה האָט דאָס דערוואַכטע לעבן עמאַנציפּירט ליטעראַריש די פאָלקסשפּראַך פון די יִדישע מאַסן און דערהויבן זי אויף אַ גרויסאַרטיקן אופן. במשך פון די 50 יאָר האָט די יִדישע ליטעראַטור אַ פענאָמענאַלן וואַקס אויסגעטאָן און געשטעלט אין שאָטן דאָס גאַנצע יִדישע שאַפן פון די לעצטע 700 יאָר.

וואַרשע, ווי דער לעבנס־צענטער פון פּוילישן יִדנטום, ווי דאָס זיצאָרט פון פאָלקס־מאַיעסטעטישן ליטעראַטור־פּאַטריאַרך יצחק לייבוש פּרץ און ווי די מעטראָפּאָליע פון ווייַטערדיקע ליטעראַרישע דורות, האָט געשפּילט אַן עיקרדיקע ראָלע אין דער דאָזיקער גייַסטיקער מזל־ברכה.

די 50 היסטאָרישע יאָרן לאָזן זיך איינטיילן אין 4 פּעריאָדן:

1) דער לעצטער יאָרצענדליק פון 19טן יאָרהונדערט, ווען דער יונגער פּרץ האָט געעפנט וואַרשע פאַר דער יִדישער ליטעראַטור און הויך צעוויקלט זייַן סאָציאַל־אַוואַנגאַרדישן פונקענוואָרט, זייַן מיליטאַנטישע קעמפערישקייט פאַרן „ראַדיקאַל־פאָרשריטלעכן יִדישן געדאַנק" און זייַן לייַדנשאַפטלעכע שטרעבונג צו זייַן אַ „סדום־איבערקערער".

2) דער 15יאָריקער פאַרמלחמה־פּעריאָד, אין וועלכן ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער ערשטער גרויסער אַלגעמיין־ליטעראַרישער שאַפונגס־פּראָצעס, וואָס זייַן אָנהייב האָט געלויכטן אין רעוואָלוציאָנערן באַגין פון 1905 און וואָס זייַן סאָציאַלער פּאַטאָס האָט ביסלעכווייַז נאָכגעלאָזן, ביז צום פאַרשווינדן.

3) דער 15יאָריקער מלחמה־ און נאָכמלחמה־פּעריאָד, ווען די יִדישע ליטעראַטור האָט גוואַלדיק־שנעל אַ וואַקס געטאָן קוואַנטיטאַטיוו און קינסטלעריש, אָבער נישט גענוג אידעיִש, אויף צו קענען באַפרידיקן ווי ס'געהער צו זייַן די נייַוועלטיקע עמאָציע און האָפענונגען פון אַ מיליאָניקער הויך־אידעאַליסטישער יוגנט.

4) דער לעצטער יאָרצענדליק אונטערן פּראָפאַשיזם, ווען עס איז אויפגעקומען אַ יונג־מיליטאַנטישער ליטעראַרישער דור, אַ דור וואָס האָט מיטגעשפּרייַזט מיט דער צייַט, לענגוים אַ באַשטימטער קאַמפּסליניע און וואָס האָט אַרויסגערוקט דאָס ליטעראַרישע שאַפן אינעם אַוואַנגאַרד פון די סאָציאַלע פאָרמעסטן.

דער ערשטער און דער לעצטער יאָרצענדליק פון די 50 ליטעראַרישע יאָרן האָבן זיך אידעיִש צוזאַמענגעטראָפן. דער לעצטער יונגער יאָרצענדליק האָט איבערגענומען פּרצעס פלאַמיקע יוגנט־געבאָטן, פּרצעס נבואה וועגן דער היסטאָרישער האַק וואָס וועט צעפּיצלען דעם אַלטן סדר, פּרצעס לאָזונג וועגן איבערקערן סדום, פּרצעס וויזיע וועגן אַ נייַער יום־טובדיקער וועלט אויף די חורבות פון דער צעשטערטער רויב־אָרדענונג, פּרצעס פעסטשטעלונג אַז:

„אַלץ וואָס שטיקט,
דריקט,
לעבט פון רויב
און ווערט פאַרגעטערט,
מוז ווערן צעשמעטערט.
ער גייט, דער נייַער מענטש, דער העלד,
אויף גאָט און וועלט,
אויף תפיסות און קייטן;
איך הער אים פון ווייַטן,
איך זע אים די אָרעמס צעשפּרייטן;
אָט טרייַבט ער אין פולן גאַלאָפּ,
ער גייט, דער נייַער מענטש, ער קומט!"

די סדום־איבערקערער פון לעצטן יאָרצענדליק האָבן אויסגעפילט אויף אַ פּרצישן אופן זייער ליטעראַרישן חוב, און נאָך דעם

ווי זיי האָבן געהאָלפן איבערקערן דאָס האַקנקרייַצלערישע סופּער־סדום, בויען זיי איצט אין פּוילן די וועלט פון יענעם נייַעם מענטשן, וואָס האָט געלעבט אין מלוכיש טרוימען מיט 50 יאָר צוריק.

דאָס יונגוועלטיקע פּוילן, די נייַגעבוירענע וואַרשע, טוליען צו צו זיך מיט ברידערלעכער פאָלקסליבע די ייִדישע רעשטלעך און באַמיִען זיך אַז דאָס ייִדישע לעבן, וואָס איז אין די פאַנסקע צייַטן געוואַקסן מיטן קאָפּ אַראָפּ, זאָל וואַקסן פרייַ און מלוכיש מיטן קאָפּ אין דער הייך. און כאָטש דער ווייטיק פון דער גרוויליקער פאַרשניטנקייט קען נישט געמילדערט ווערן, טוט אָבער די מלוכה אַלץ, אַז די איצטיקע ייִדישע עקסיסטענץ זאָל פול זייַן מיט פרייד.

צי קען מען זיך דען פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן עליה, וואָס פאַרא סטראַטאָספערישע הייכן עס וואָלט דערגרייכט די ייִדישע קולטור אין פּוילן, ווען די אומגעקומענע מיליאָנען וואָלטן נישט אומגעקומען, נאָר דערלעבט די איצטיקע באַדינגונגען פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייַונג? אין אָנבליק פון דער דאָזיקער טראַגיש־אומפאַרווירקלעכטער מעגלעכקייט קען מען זאָגן, אַז אונדזער אומגליק אויפן סעקטאָר פון פּוילן איז גרויס נישט נאָר צוליב דער פיזישער אויסראָטונג פון איבער 3 מיליאָן ייִדן, נאָר אויך צוליב דעם וואָס די דאָזיקע מיליאָנען האָבן, דורך זייער אומקום, זיך אויסגעמיטן מיט די היסטאָרישע באַדינגונגען פון נייַעם מלוכישן סדר אין פּוילן.

שוין 10 יאָר ווי די איבערגעבליבענע צענדליקער טויזנטער געניסן פון אַ גרויסאַרטיקער ייִדישער קולטור־ווירקלעכקייט. גענוג צו ברענגען איין איינציקן בייַשפּיל: ייִדישע ביכער דערשיינען אין פּוילן אין 5.500 קאָפּיעס, דאָס הייסט אין אַ פיר מאָל גרעסערער צאָל עקזעמפּלאַרן ווי אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן, וואָס האָט געהאַט 50 מאָל מער ייִדן! . . . און געדרוקט ווערט נישט נאָר די איצטיקע ייִדיש־פּוילישע ליטעראַטור, נאָר אויך טיילן פון דער קולטור־ירושה. דאָס בעסטע פון די 50 ליטעראַרישע יאָרן געפינט איצט אַ פאַרלעגערישן תיקון אין סאָציאַליסטישן פּוילן.

די ייִדישע ליטעראַטור, וואָס האָט אין דער נייַפּוילישער ווירקלעכקייט געפונען אַ באַוואָרנטן מלוכישן מקום־מנוחה, איז אַרייַנגעטאָן מיט לייַב און לעבן אין איר נייַעם קאָנסטרוקטיוון לעבנס־עטאַפּ און אין אירע ייִדישע און אַלפּוילישע פאַרמעסטן. מיטן געירשנטן אימפּעט פון די פאַרשניטענע מיליאָנען, מיט די איבערגענומענע פּראָגרעסיווע קולטור־טראַדיציעס פון די לעצטע 50 יאָר און מיט איר סאָציאַליסטישן אָפּטימיזם, בויט זי, אויף איר ייִדישן קולטור־שטייגער, די הומאַניסטישע פאָלקסקונסט פון דער נייַער געזעלשאַפט.



יצחק טורקאָוו-גרודבערג (וואָצלאַוו—פּוילן)

# וואַרשע, דאָס וויגעלע פון יידישן טעאַטער

.1

— „וואַרשע, די שטאָט פון טויזנט פּאַרבן" — אַזאַ ליד איז געזונגען געוואָרן אין יידישן טעאַטער אין צווישנמלחמה־פּעריאָד.

צי זאָל עס זײַן אַן אויסדרוק פון דער באַזונדערס אינטימער פאַרבינדונג פון יידישן טעאַטער מיט דער שטאָט וואַרשע? האָט מען דאָך געזונגען לידער אויך וועגן שטעטעלע בעלז, וועגן לעכעוויטש און טשיזשעוו, וועגן ביאַליסטאָק און אָדעס — און וויפל שטעט און שטעטלעך זענען דערמאָנט און באַזונגען געוואָרן אין רעפּערטואַר פון יידישע אָפּערעטעס און מעלאָדראַמעס, ווי אַן אויסדרוק פון בענקשאַפט נאָך דער „גוטער היים", וואָס האָט געלעבט אין גדעכעניש פון עמיגרירטע יידישע פאָלקסמענטשן! ניין, נישט דאָ וועלן מיר זוכן דעם אויסדרוק פון לאַנגיאָריקן צוזאַמענבונד פון יידישן טעאַטער מיט דער שטאָט וואַרשע. דער צוזאַמענבונד האָט זײַן פעסטערן שורש אין דער געשיכטע — אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער. ווײַל וואַרשע איז געווען דאָס וויגעלע פון יידישן טעאַטער.

מיר ווילן דערמיט נישט צונעמען די בכורה בײַ דער ליבער שטאָט יאַס אין רומעניע, וווּ אַברהם גאָלדפאַדען האָט אין יאָר 1876 פונאַנדערגעוויקלט זײַן ערשטן אָרעמען טעאַטער־געצעלט, פון וועלכן עס האָט אַ שטראָם געטאָן מיט יידיש טעאַטער איבער גאָר דער וועלט. יאַס בלײַבט אין דער געשיכטע אַלס וויגעלע פון



אַברהם גאָלדפאַדען

דעם ג אָ ל ד פ אַ ד ע ן־טעאַטער — פון דעם טעאַטער וואָס האָט זיך שוין פעסט אײַנגעבירגערט אין יידישן לעבן אומעטום און וואָס זײַנע פאַרשידענע גילגולים, נאָכוווּקסן, אַנטוויקלונגען און פאַרקריפּלונגען לעבן נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג. אָבער דאָס וויגעלע פון וועלטלעכן, פאָלקסטימלעכן, פאָלקס־באַווירקנדיקן יידישן טעאַטער איז געווען וואַרשע — אַ סך יאָרן פאַר גאָלדפאַדענען.

שוין אין די דרײַסיקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט זענען פאַראַן אין דאָקומענטן פאַרפיקסירטע באַווײַזן וועגן דער עקסיסטענץ און פרוּוון אויסצובריײטערן דאָס יידישע טעאַטער אין וואַרשע. דער היסטאָריקער ד"ר י. שאַצקי ציטירט אַ ריי אַזעלכע דאָקומענטן אין זײַן אַרבעט „די עלטסטע געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין וואַרשע", דער עיקר — די רײַזע־באַשרײַבונג פון דײַטשן סוחר גערינג וועגן זײַן באַזוך אויף אַ יידישער פאָרשטעלונג בעת זײַן ווײַלן אין וואַרשע. די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען אין טאַנצזאַל פון שענק אונטערן נאָמען „אונטער די דרײַ נעגערס", קורץ נאָכן פּוילישן אויפשטאַנד פון יאָר 1831, און איז געווען איינע פון אַ ריי אַזעלכע פאָרשטעלונגען. אין דער דערמאָנטער אַרבעט ווערט געברענגט אַ ריי באַווײַזן וועגן שפּילן יידיש טעאַטער אין וואַרשע אין יאָר 1838. גאָר אינטערעסאַנט איז די קאָרעספּאָנדענץ אין „זשורנאַל דע פראַנקפורט" פון יאָר 1838:

„שוין עטלעכע יאָר ווי די פאַרוואַלטונג פון אונדזער הויפּטשטאָט האָט באַקומען פון דער רעגירונג דאָס רעכט אויפצושטעלן דאָ אַ טעאַטער, וווּ מען שטעלט פאָר פּיעסעס אין דער העברעיִשער שפּראַך... דאָס טעאַטער... האָט זיך סוף־כּל־סוף געעפנט דעם לעצטן מאָנטיק (דעם 5טן נאָוו' 1838) מיט אַ דראַמע אין פינף אַקטן, טייל אין גראַמען, טייל אין פּראָזע, מיטן טיטל „משה" (ציטירט פון ד"ר מ. ווײַנרײַכס אַרבעט, לויט י. מעסטלס אַרטיקל אין „יידישע קולטור" נומ' 3, 1952).

דאָ רעדט זיך דאָך בולט וועגן אויפשטעלן אַ שטענדיק יידיש טעאַטער!

צי איז דען אַ ווייניק וואָגיקער באַווײַז וועגן דער עקסיסטענץ פון אַ יידישן טעאַטער'אין וואַרשע דער פאַקט וואָס אין יאָר 1839 האָט אַ געוויסער דוויד טורקוס באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער רוסישער מאַכט צו געבן 8 פאָרשטעלונגען אויף יידיש און וואָס אין יאָר 1840 ווענדט זיך'אַ געוויסער דוויד העלין וועגן אַ דערלויבעניש אויף 15 פאָרשטעלונגען? אוודאי ווייסן מיר ווייניק פּרטים וועגן די פאָרשטעלונגען אין דעם טעאַטער, און נאָר אונדזער פאַנטאַזיע וואָלט געקאָנט אַרויסהעלפן אין שאַפן זיך אַ בילד דערפון. נאָר די פאַקטן רעדן דאָך וועגן אַ דויערהאַפטיקן לעבן פון יידישן טעאַטער אין וואַרשע אין יענע יאָרן, וועגן אַ באַדערפעניש פון אַזאַ טעאַטער. אָבער גאָר דער בעסטער באַווײַז וועגן דער עקסיסטענץ און ווירקונג פון יידישן טעאַטער אין יענע יאָרן זענען די פאַרבאָטן וואָס זענען געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון מסירות און

אינטערוועגצן פון די קהלישע תקיפים (אַ ריי אַזעלכע דאָקומענטן זוערן געברענגט דורך ב. גאָרין און נח פּרילוצקי אין זייערע ווערק). זיי באַשטעטיקן אַז דאָס יידישע טעאַטער איז שוין דאַן געווען אַן אמתע פאָלקס־אינסטיטוציע מיט אַ גרויסער ווירקונגסקראַפט אויף יידישע פאָלקסמענטשן — בעלי־מלאכות, משרתים, דינסטן — און אויך אויף נישט־יידישע, ווייל פון אַ ריי דאָקומענטן איז אַרויסצודרינגען אַז אין טעאַטער פלעגן אויך קומען פּוילישע פאָלקסמענטשן, וואָס דאָס זאָגט עדות וועגן אַ נאָענטן צוזאַמענלעבן פון דער אָרעמקייט אין יענע יאָרן און אַז דאָס איז שוין דאַן געווען אַ דאָרן אין אויג פון די קהלישע תקיפים און פון דער אָקופּאַנטישער אַדמיניסטראַציע. די פאָלקספּיינטלעכקייט פון קלער און פון דער אַסימילירטער פּלוטאָקראַטיע — די צוויי כוחות וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט אין וואַרשעווער יידישן לעבן — האָט גיך געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיטן אונטערדריקונגס־אַפּאַראַט פון צאַריזם ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן נישט דערלאָזן אַז פאָלקסמענטשן זאָלן אויפהייבן די קעפּ, זאָלן אַ לאַך טאָן, אַ טראַכט טאָן, דערפילן דעם אָטעם פון קאָלעקטיווער פאַרבינדונג, וואָס טעאַטער האָט זיי געגעבן.

דער דרוק פון דער צאַריש־קהלישער קאָאַליציע פון פינצטערניש האָט טאַקע באַוויזן דאַן צו דערשטיקן דעם אָנהייב פון יידישן טעאַטער אויף אַ סך יאָרן. יעדן פאַלס — אין זיין עפנטלעכער און לעגאַלער פאָרעם. ווייל יאָרן לאַנג פעלן וועלכע עס איז שפּורן וועגן דער עקסיסטענץ פון אַ יידיש טעאַטער אין וואַרשע, ביז זיי טויכן ווידער אויף אין יאָר 1866. לויט אַ באַריכט פון „המליץ" (ציטירט אין ד"ר שאַצקיס פּריער דערמאָנטער אַרבעט) ווערן מיר געוויר וועגן יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען פון אַן אַנטיחסידישן כאַראַקטער אין סאַמע האַרץ פון וואַרשעווער יידישן קוואַרטאַל — אויפן גזשיבאָוו — און שפּעטער (צוליב שאַרפע פאַרפאָלגונגען פון די חסידים) אַריבערגעטראָגן אויף די נאַלעווקעס.

נאָך רייכער זענען די ידיעות וועגן יידישן טעאַטער וואָס האָט פונקציאָנירט אין וואַרשע אין די יאָרן 1868—1870 אונטער דער דירעקציע פון אַ געוויסן בעלאַו. פאַראַן שוין וועגן דעם ידיעות אין דער פּויליש־יידישער צייטונג „איזראַעליטאַ" און אפילו אַ וואַרשעווער קאָרעספּאָנדענץ אין אַן ענגלישער צייטונג (ד"ר י. שאַצקי). לויט אַלע ידיעות דרינגט אַרויס אַז דאָס איז געווען אַ שטענדיק, פּראָפעסיאָנעל טעאַטער. עס איז באַזונדערס כדאי זיך אָפּצושטעלן, אויף עטלעכע אַספּעקטן ווייל עס וואַרפט אונדז אַ שיין אויף דעם כאַראַקטער פון טעאַטער: 1) די פּראָגראַמען זענען געווען געדרוקט אין דייטש, רוסיש און פּויליש, וואָס איז דאַן, קורץ נאָכן אויפשטאַנד פון 1863, געווען פאַרפאָלגט דורך דער צאַרישער מאַכט — און איז אַ סימן אַז די פאָרשטעלונגען פלעגן ווידער צוציען אַ באַדייטנדיקן נישט־יידישן עולם; 2) די פרויענראָלן זענען נאָך — ווי ביי די פריער־דערמאָנטע פּרוון — געשפּילט געוואָרן דורך מענער (פּונקט ווי אין די ערשטע גאָלדפאַדען־פּרוון), אַ סימן אַז אָדער דאָס טעאַטער האָט נאָך נישט געהאַט קיין כוח אָדער מוט צו מאַכן דעם דורכבראָך אין יידישן לעבן — צו עמאַנציפּירן די פרוי — אָדער אַז עס האָבן זיך נאָך נישט געפונען קיין פרויען וואָס זאָלן ריזיקירן צו שפּילן טעאַטער (ווייל גיין אין טעאַטער זענען זיי שוין געגאַנגען, ווי עס דרינגט אַרויס פון די טעקסטן פון די עלטסטע מסירות); 3) די פאָרשטעלונגען זענען פאָרגעקומען אין אַ ספּעציעלן זאַל אויפן מוראַנאָוו, וואָס קאָן אונדז שטויסן צום געדאַנק אַז דאָס איז געווען דער אָנהייב פון באַרימטן מוראַנאָווער טעאַטער, די בודע, וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין וואַרשע. וועגן דעם וועט אונדז נאָך אויסקומען צו דערמאָנען.

.2

אויף אַזאַ פרוכטבאַרן באָדן פון צענדליקער יאָרן פאַרמעסטן, פון אַ טעאַטער־אויפנעמענדיקן עולם און פון טיילווייז צוגעגרייטע אַקטיאָרישע כוחות, זענען גיך אויפגעקומען די זוימען פון גאָלדפאַדען־טעאַטער. קאַרגע ידיעות, וואָס זענען פאַראַן פון יענער צייט (בעיקר אין פאַרשידענע ביאָגראַפיעס איז ז. זילבערצווייגס „לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער"), דערציילן וועגן גאָלדפאַדענס אַריינדרינגען צווישן די „בראָדער זינגער"־גרופּעס אין וואַרשע אין אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן. די „בראָדער זינגער", פון וואָלף ליטוואַקס גאָרטן אויף פראַנטשישקאַנער, טראָגן זיך אַריבער מיט די ערשטע גאָלדפאַדען־פּיעסעס אין אַ טעאַטער — אויפן מוראַנאָוו. בעלאַוס אַקטיאָר, דוויד שוואַרצבאַרד, אָרגאַניזירט אַ טרופּע אין וואַרשע און הייבט אָן מיט איר טעאַטער־וואַנדערונגען איבער דער פּראָווינץ. אַ גרופּע אַקטיאָרן, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון דער גאָלדפאַדען־טרופּע, קומט קיין וואַרשע (בראש מיט ספּיוואַקאָווסקין), שפּילן גאָלדפאַדען־רעפּערטואַר אין טעאַטער „בוף" (שפּעטער „עלדאָראַדאָ"), אַ טעאַטער־בנין וואָס האָט אָפּגעשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין וואַרשע. עס מערט זיך די צאָל יונגוואַרג, בעלי־מלאכות און יונגע־לייט, געקומענע זוכן גליק אין דעם וואַרשעווער שמעלצטאָפּ, וואָס נעמען



הערמאַן בירמאַן

זיך צו יידיש טעאַטער אין וואַרשע און אין דער פּראָווינץ. און ווידער ווערט געשטערט זייער וווקס און זייער אַרבעט צוליב דעם פאַרבאָט פון יידיש טעאַטער אין גאַנץ רוסלאַנד (1883). די צאַרישע הערשער ווילן דערשטיקן דעם וואַקסנדיקן רעוואָלוציאָנערן שטראָם מיט תליות, רדיפות, פּאָגראָמען. יעדער פּרווו פון פרייען אָטעם פון די פאָלקסמאַסן ווערט דערשטיקט. ווילן די הערשער אויך דערשטיקן דאָס יונגע קינד פון אויפוואַכנדיקן יידישן פאָלקסלעבן — דאָס יידישע טעאַטער. נאָר די באַדערפעניש פון טעאַטער ביי די יידישע מאַסן איז שוין צו גרויס מען זאָל עס אַזוי לייכט קאָנען דערשטיקן. געפינט מען פאָרטלען, אויסוועגן, מאַסקעס. אַזאַ מאַסקע פון „דויטש־יידישן" טעאַטער טוט אָן גאָלדפאַדן אויף זיין באַשאַף און אונטער דער מאַסקע הייבט ער אָן אין יאָר 1885 זיין טעטיקייט אין וואַרשע. בשותפות מיט דער רוסישער דירעקטאָרין פון טעאַטער „בוף" אויף דלוגע־גאַס (אין צווישנמלחמה־פּעריאָד איז דאָרט געווען דאָס פּאָפּולערע פּוילישע „באָגוסלאַווסקי"־טעאַטער) — פירט ער קנאַפּע צוויי יאָר דאָס יידישע טעאַטער אין וואַרשע. דאָ שאַפט ער זיין פּיעסע „אחשורוש", דאָ פירט ער אויף זיינע אַלטע פּיעסעס און דער דערפאָלג איז אין לשער. גענוג צו זאָגן אַז „שולמית" איז

דאַן געשפּילט געוואָרן 150 מאָל ביַי פול געפּאַקטע זאַלן פון דעם גרויסן טעאַטער. גאָלדפאַדען געפינט אַלטע וואַרשעווער אַקטיאָרן פאַר זיַין טעאַטער, עס באַוויַיזן זיך אַלץ ניַיע טאַלאַנטן, פרישע כּוחות. עס וויל שוין פּרוּוון איר באַגאַבונג אין וואַרשעווער גאָלדפאַדען־טעאַטער די יונגיטשקע אסתר רחל האַלפּערן, די שפּעטערדיקע „מאַמע פון יידישן טעאַטער", אסתר רחל קאַמינסקי. אָבער אַ



אַדאָלף בערמאַן

שוואַרצע קאַץ לויפט דורך צווישן גאָלדפאַדענען און זיַין שותּפטע. גאָלדפאַדען פאַרלאָזט וואַרשע און מיט אים גייט אַוועק דאָס „דיַיטש־יידישע" טעאַטער. נאָר יידיש טעאַטער לעבט וויַיטער אין וואַרשע. עס לעבט דורך געוועזענע גאָלדפאַדען־אַקטיאָרן, דורך פרישע צוגעקומענע אַמאַטאָרן, וועלכע כאַפּן אַריַין פאָרשטעלונגען אין פאַרשידענע זאַלן. עס רוט נישט דוויד שוואַרצבאַרד און זיַין זון גוסטאַוו, הערמאַן בערמאַן און זיַין ברודער אַדאָלף, פיַינשטיין, ראָטשטיין; עס הייבן אָן צו זוכן אַ טעאַטראַלע אויסלעבונג אברהם יצחק קאַמינסקי און יעקב ליבערט, בעני אַבעלמאַן און טיטלמאַן. עס וואַקסט די צאָל פון די וואָס גאַרן אויסצולעבן זיך אין טעאַטער און פון די וואָס דאַרפן טעאַטער צו זייער פולער אויסלעבונג. זיי פאַרבינדן זיך מיטן באַקאַנטן דיַיטש־פּוילישן אַקטיאָר יוליוס אָסקאַר — און ווידער הייבט מען אָן אין וואַרשעווער „עלדאָראַדאָ"



יוליוס אָסקאַר

ביַי דער אָלגינסקאַיאַ צו שפּילן גאָלדפאַדענס „כּישוף־מאַכערין", מיטן דעבוט פון אסתר רחלען אַלס „מירעלע" — דער אָנהייב פון איר רומפולן וועג אין יידישן טעאַטער. פון „עלדאָראַדאָ" אין וואַרשע פאָרן אַרוים אויף זייער גרויסן וואַנדערוועג אסתר רחל און אַברהם יצחק קאַמינסקי מיט אַ גרויסער גרופּע זייערע חברים פון דער טרופּע, און אין וואַרשעווער „עלדאָראַדאָ" ראַנגלט זיך אַ ציַיט



ספּיעוואַקאָווסקי מיט אָסקאַרן, פרוּוונדיק אַ גלאַנץ טון מיט „אוריאל אַקאָסטאַ". אויפן אָרט פון די אַוועקגעגאַנגענע מיט קאַמינסקין געפינען זיי ניַיע טאַלאַנטן צווישן דער יידישער יוגנט. דאָס טעאַטער אָבער פאַלט, עס קאָן זיך נישט ראַנגלען מיט די שוועריקייטן. עס פאַרלירט אויך דעם עולם. אפשר דערפאַר וויַיל אָסקאַר זוכט עס אַלץ מער צו „פאַרדיַיטשן". (ער האָט אפילו אין יאָר 1927, קורץ פאַר זיַין טויט, זיַיענדיק כמעט אַ ניַינציקיאָריקער זקן און מיטווירקנדיק — ווי אַ עמעריט — אין וואַרשעווער יידישן קונסט־טעאַטער „וויקט", נאָר אַלץ נישט געקאָנט אַרויסקריכן פון זיַין דיַיטשער הויט). עס איז שווער גענוי פעסטצושטעלן די סיבות, — אַ פאַקט אָבער בליַיבט אַז דאָס „יידיש־דיַיטשע" טעאַטער אין וואַרשע ווערט אַנטשוויגן. נאָר אין זאַלן און זאַלעכלעך, אין געהיים, האָבן אַלץ געווירקט יידישע טעאַטער־כּוחות, געשאַפן קריַיזן און געלאָזט זיך אין וואַנדערונגען פון יידישן טעאַטער. דאָס זענען געווען קריַיזן פון אַ ריין נאָכמאַכערישן כאַראַקטער, וואָס האָבן נישט געהאַט פאַר



הערמאַן און ליזאַ פישער

זיך קיין פּראָגראַם, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פאַר וואָס זיי ווילן טעאַטער און צו וואָס זיי גייען אין טעאַטער. עס איז געווען אַ סטיכישער אויסבראָך פון יאָרהונדערטער געשטיקטע פאָלקס־כּוחות, וואָס האָבן מיט זייער גיין אין טעאַטער געריסן די צוימען פון אַלטן שטייגער, רעוואָלטירט קעגן דער אַרומיקער פינצטערניש און אונטערדריקונג, רעוואָלטירט הפקרדיק, אָפט מאָל נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון דערפון. דאָס איז געווען דער נאָרמאַלער שטראָם אין די קריַיזן. שפּעטער האָבן שוין צו ביסלעך אָנגעהויבן צוצוקומען מענטשן מיט אַן אידעע, מיט אַ פּראָגראַם, מיט אַ באַוווּסטזיניקער שטרעבונג צו קינסטלערישער אויסלעבונג, ווי דער קריַיז פון דוויד הערמאַן, געגרינדעט אין יאָר 1903 אין וואַרשע. מיט דעם קריַיז האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע טעאַטער־קאַריערע פון דעם אינטערעסאַנטן קינסטלער דוויד הערמאַן, דעם געקומענעם פון דער פּוילישער קולטור, פון דער פּוילישער טעאַטער־סביבה, אונטער די השפּעות פון דעם דעמאָלטיקן „יונגפּוילן".

ער איז געוואָרן דער טרעגער פון מיסטיציזם, דער דביקותדיקער חסיד, וואָס האָט אין חסידות געזען די ייִדישע פאָלקסטימלעכקייט — אפשר איז עס געווען א גרויסער אָפּקלאַנג פון דער קליינבירגערלעך־אינטעליגענטישער, מיט מיסטיציזם באַהויכטער פּויערים־מאַניע, וואָס האָט געהערשט אין די קינסטלערקרייַזן פון „יונגפּוילן". דאָס האָט דאָן נישט געקאָנט האָבן קיין ווירקנדיקן אָפּקלאַנג אין דער פּראָלעטאַריש־פאָלקסטימלעכער ייִדישער סביבה אין וואַרשע.

היסטאָריש טיילט זיך דעריבער בולט אַרויס אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער נאָר די תקופה פון וואַרשעווער „עלדאָראַדאָ", סײַ מיט גאָלדפאַדענס ווירקונג, סײַ מיט דער צײַט פון אָסקאַר־ספּיעוואַקאָווסקי. וואַרשע איז געוואָרן דער גרויסער רעזערוואַר פון כוחות פאַרן ייִדישן טעאַטער. פון דאַנען זענען געקומען אסתר רחל קאַמינסקי און אירע חברים, וואָס האָבן מיט זייער טאַלאַנט אַזוי באַווירקט דאָס ייִדישע טעאַטער־לעבן אין רוסלאַנד און אין אַלע לענדער ווו ייִדיש טעאַטער האָט שוין דאַן געהאַט אָנגעשפּאַרט. וואַרשע איז געוואָרן א וויכטיקע צושטעלערין פון אַקטיאָרישע כוחות אויף אַלע ייִדישע בינעס אין דער וועלט. קינדער פון דעם גרעסטן און רירעוודיקסטן ייִדישן פאָלקסצענטער אין אייראָפּע האָבן זיך א לאָז געטון פון וואַרשע, ווו זיי האָבן באַקומען זייער ערשטע טעאַטראַלע צוגרייטונג אין „עלדאָראַדאָ" און אין די אַרבעטער־קרײַזלעך, איבער גאָר דער ייִדישער טעאַטער־וועלט.

### .3

.1905 דער צאַרישער אַבסאָלוטיזם ווערט אויפגעטרייסלט אין זײַנע יסודות דורך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. דער אומגעהײַערער מאַסן־אויפברויז פון רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט, פון די אָרעמע פּויערים־מאַסן, מאַכט אויף א צײַט לויזער די אײַזערנע קלעם פון דעספּאָטיזם. ייִדיש טעאַטער ווערט דערפון א ביסל אויפגעריכט; פאָרמעל ווערט אָפּגעשאַפט דער פאַרבאָט (דאָס האָט נישט געשטערט די צאַרישע דעספּאָטלעך אין שטעט און שטעטלעך פּאַקטיש ווײַטער צו פאַרפאָלגן דאָס ייִדישע טעאַטער). וואַרשע באַקומט צוריק די מעגלעכקייט צו האָבן א ייִדיש טעאַטער. און דאָס ייִדישע טעאַטער צעבליט זיך דאָרט. וואַרשע ווערט די מעטראָפּאָליע פון ייִדישן טעאַטער אין אייראָפּע.



יעקב גאָרדין

ווײַט פון דער ייִדישער געגנט, אין דעם גאָרטן „באַגאַטעלאַ", הייבט אָן צו שפּילן, קורץ נאָך די בלוטיקע ערשטע־מײַ־טעג פון 1905, אברהם יצחק קאַמינסקיס טעאַטער, ווו עס שײַנט אַרויס דער גרויסער טאַלאַנט פון אסתר רחל קאַמינסקי אין דעם גאָרדין־רעפּערטואַר, וואָס האָט ערשט איצט געקאָנט באַקומען דעם תיקון אין ייִדישן פּוילן. פון דאַנען הייבט זיך אָן דער טריומפוועג פון דער „מאַמען פון ייִדישן טעאַטער", דער וועג וואָס האָט דאָס ייִדישע טעאַטער אַרויסגעפירט אין דער ערנסטער טעאַטער־וועלט בכלל. און פון דער צײַט אָן איז שוין אסתר רחל אומצערײַסלעך פאַרבונדן מיט וואַרשע. פון אַלע אירע וועלט־וואַנדערונגען קומט זי צוריק צו איר היים דאָרט. דאָרט בויט זי אויס, צוזאַמען מיט אברהם יצחקן, דאָס פּאָפּולערע „קאַמינסקי"־טעאַטער אויף אָבאָזשנע — ווידער ווײַט פון דער ייִדישער געגנט, ווו מען האָט אָפט מאָל מיט סכנות־נפשות געמוזט זיך אַראָפּקייקלען פון דעם באַרג־אַראָפּ. דאָרט פאַרענדיקט זי איר רומפול לעבן — סוף 1925 — און געפינט איר אײביקע רו אויפן גענשער בית־עולם, ווו איר מצבה איז נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג א זאַמלפּונקט פון ייִדישע אַקטיאָרן, פון ייִדישע קולטורמענטשן, בײַ צוזאַמענקומען און אָנדענקטעג.

גלײַך נאָך „באַגאַטעלאַ" עפנט קאָמפּאַוויעץ דאָס מוראַנאָווער טעאַטער „ערמיטאַזש" — דאָס מאָל שוין נאָענט צו דער געגנט פון דער ייִדישער אָרעמקייט. דאָס טעאַטער, וואָס איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן דער סינאָנים פון באַלאַגאַן, האָט פון אָנהייב גאָר א גלאַנץ געטאָן מיט שלום עליכמס „צעזייט און צעשפּרייט" און דער עיקר — עס איז יאָרן לאַנג געווען דאָס אָרט פאַר די ערשטע קונסט־עמפּינדונגען און רעגונגען פון טויזנטער יוגנטלעכע פון דער גרעסטער וואַרשעווער ייִדישער אָרעמקייט.

קורץ נאָך דעם עפנט זיך דער „נאָווי" טעאַטער אויף קראָלעווסקע. דער זומערזאַל „באַגאַטעלאַ" ווערט אויסגעביטן אויף „זשאַרדען ד'היווער" אויף כמיעלנע: וואַרשע ווערט די היים פון דרײַ גרויסע ייִדישע טעאַטערס. די אָנגעזעענסטע ייִדישע טעאַטער־דירעקטאָרן פון רוסלאַנד ווערן אויף א לאַנגער צײַט תושבים אין וואַרשע: פישזאָן, ספּיעוואַקאָווסקי, סאַבסײַ. די באַדײַטנדיקסטע ייִדישע אַקטיאָרן (אַחוץ די פריִער אויסגערעכנטע): מייערסאָן, ליבערט, מרים טרילינג, בײַדע הערמאַנס, ניעראַסלאַווסקאַ, סעם אַדלער, ווײַסמאַן, יערמאָלינע און די דאַן נאָך ייִנגערע: זשעלאַזאָ, זאַסלאַווסקי, לאַנדוי, ראַפּעל, יוליוס אַדלער (ווען ער קומט פון אַמעריקע) און צענדליקער אַנדערע. פון אַלע ייִדישע טעאַטערס אין רוסלאַנד שטראָמען אַקטיאָרן קיין וואַרשע, ווי געסט. וואַרשע ווערט א שטאָט פון צענדליקער טויזנטער ייִדישע טעאַטער־באַזוכער און טעאַטער־פּאַטריאָטן. דערפאָלגן אין וואַרשע זענען אָן אַטעסטאַט אויף אַקטיאָרישקייט אין דער טעאַטער־וועלט.

עס מערן זיך ערנסטע פאַרמעסטן אין די וואַרשעווער טעאַטערס: די ערשטע אויפפירונג פון מאָליערס „אײַנגעבילדעטן קראַנקן", גאָרקיס „אויפן אָפּגרונט", פּרצס „שוועסטער" און „נסיון", פּינסקיס „מוטער" — בײַ די קאַמינסקיס אין טעאַטער; שילערס „רויבער", אשס „גאָט פון נקמה" — בײַ מייערסאָנען; מאַרק אָרענשטיינס אויפפירונגען אין פאַרשידענע טעאַטערס מיט פּרוּוון פון מאָדערניסטישע אויסשטײַטשונגען — דעמאָלטיקע טעאַטער־מאָדע אויף דער גרויסער וועלט. מען קומט אַנטקעגן דעם באַגער פון עולם צו זען שאַרפע סאָציאַלע קאָנפליקטן אויף דער בינע מיט אָקטאַוו מירבאָס „זשאַן און מאַדלען". נײַע געבײַדעס ווערן געפונען פאַרן טעאַטער („עליזעום" אויף קאַראָווע). וואַרשע פּולסירט מיט אַן אינטענסיוו ייִדיש טעאַטער־לעבן.

צום טעאַטער דערנענטערט זיך י. ל. פּרץ מיט זײַן סביבה. דאָס הייסט אַז די ייִדישע ליטעראַטור נעמט אַראָפּ איר חרם פון ייִדישן טעאַטער, זי ווערט — בעיקר אין׳דער פּערזאָן פון פּרצן — אַלץ שטאַרקער אַנגאַזשירט אין ייִדישן טעאַטער, ביז עס דערגייט, אַ פּאָר יאָר שפּעטער, צו דער גרויסער אַקציע פון פּרצן צו אָרגאַניזירן אַ געזעלשאַפטלעך און קינסטלעריש ייִדיש טעאַטער אין וואַרשע, אַן אַקציע וואָס האָט — צום גרויסן פאַרדראָס פון פּרצן און פון זײַנע מקורבים — קיין קאָנקרעטן דערפאָלג נישט געהאַט. זי האָט אָבער געהאַט אַן אומגעהײַערן אײַנפלוס אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער אַרום ייִדישן טעאַטער, אויף די פאָדערונגען וואָס מען האָט שוין אַרויסגערוקט צום ייִדישן טעאַטער און וואָס האָבן אין רעזולטאַט געבראַכט צו דער דערהייבונג פון טעאַטער־ניוואָ, צום וווּקס פון זײַן קינסטלערישער און געזעלשאַפטלעכער אחריות.

דוויד הערמאַן, מאַרק ווילנער און צענדליקער אַנדערע זענען אויסגעוואָקסן כמעט אויף יעדער ייִדישער גאַס אין וואַרשע. יונגע־לײַט וואָס האָבן „נאָכגעמאַכט" אַקטיאָרן זענען מיט דער צײַט — אין די הונדערטער — אײַנגעשלונגען געוואָרן דורך די אַרומוואַנדערנדיקע ייִדישע טרופּעס און האָבן באַרײַכערט ייִדישע טעאַטערס פון אַלע קאָנטינענטן, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט הערן דאָס ייִדישע בינעוואָרט.

מיר ווילן דאָ נישט אידעאַליזירן, נישט באַפּוצן דעם אמת: וואַרשע איז דאַן געווען אַ גאַנץ בכבודיקער קאָנסומענט פון שונד, פון דעם ערגסטן אין ייִדישן טעאַטער, וואָס איז מיט אַ ברייטער כוואַליע אַרײַנגעפלאָסן פון ניו־יאָרק. „פּינטעלע ייִד" איז אין וואַרשע געווען נישט אַ ווייניקער גאַנגבאַרע סחורה ווי ערגעץ אַנדערש ווו. וואַרשע האָט פאַרמאָגט אַ גענוג פאַרגרעבט קליינבירגערטום, הענדלערס פון די האַליעס און מערק, לומפּן־פּראָלעטאַריער, וואָס האָבן מיט הנאה קאָנסומירט דעם מין טעאַטער. נאָר דאָס זענען אַלץ באַגלייט־דערשײַנונגען פון אַ מאַסן־אינסטיטוציע. דווקא דעם טיפּ פאַר וואַרשעווער ייִדישן טעאַטער פון די יאָרן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען דאָס אויפשײַנען פון אסתר רחל קאַמינסקיס שטערן און פּרצעס קאַמף פאַר אַ קינסטלעריש ייִדיש טעאַטער. דאָס איז געווען דאָס עיקרדיקסטע, וואָס האָט אויסגעטיילט דאָס וואַרשעווער ייִדישע טעאַטער־לעבן פון די ייִדישע טעאַטערס אין גאָר דער וועלט, דאָס איז געווען דער גרויסער אוצר וואָס וואַרשע האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער אין יענע יאָרן.

.4

די ערשטע וועלט־מלחמה ברענגט, צוזאַמען מיט אַנדערע רדיפות, אַ נײַעם פאַרבאָט אויף ייִדיש טעאַטער אין צאַרישן רוסלאַנד. וואַרשע גיט זיך אָבער נישט אונטער. אין פאַרשידענע זאַלן טרעטן אויף ייִדישע אַקטיאָרן מיט קאָנצערטן, סקעטשן און סצענקעס פון פּיעסעס, עס זענען טעטיק אין געהיים אַן אַ שיר דראַמאַטישע קרײַזן, בראַש מיטן קרײַז אין פּרצעס „הזמיר" אונטער דער רעזשי פון דוויד הערמאַן — אַ קרײַז וואָס האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך די פאָרגעשריטענע ייִדישע טעאַטער־יוגנט, שילער פון פּוילישע דראַמאַטישע שולן, אַקטיוויסטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַרבעטער־אינטעליגענץ.

געציילטע וואָכן נאָכן אַנטלויפן פון די צאַרישע חיילות פון וואַרשע הייבן שוין אָן דאָרט צו ווירקן ייִדישע טעאַטערס און דראַמאַטישע קרײַזן, מיטן „אַרטיסטישן ווינקעלע" אין „הזמיר", ווו עס האָט נאָך געשוועבט דער גײַסט פון נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם י. ל. פּרץ.

אין אַלגעמיין איז דאַן נישט געווען קיין קאָניונקטור פאַר אַ בעסער טעאַטער. הונגער און אַרבעטלאָזיקייט האָבן געטריבן צענדליקער טויזנטער ייִדישע פאָלקסמענטשן פון וואַרשע אין די שטעטלעך פון לאַנדווירטשאַפטלעכע ראַיאָנען, ווו עס איז לײַכטער געווען אַ שטיקל ברויט און קאַרטאָפל. אויפגעקומענע גבירים (דורך ספּעקולאַציע און שמוגל), צוזאַמען מיט זייערע פרײַנד פון אָקופּאַנטישן דײַטשן מיליטער, האָבן געזוכט אַ פריילעכע פאַרווײַלונג. עס האָבן אָנגעהויבן צו קיניגן די לײַכטע מוזע, די אייראָפּעיִשע אָפּערעטע, אין וועלכער עס האָט געצויבערט מיכאַל מיכאַלעסקאָ מיט דײַטשישע פּרימאַדאָנעס און סוברעטינס. די לײַכטע מוזע האָט געהאַט איר היים אין נײַ אויפגעבויטן „צענטראַל"־טעאַטער, אין „קאַמינסקי"־טעאַטער און טיילווײַז אין „עליזעום", ווו דוויד הערמאַן אָדער



אסתר רחל קאַמינסקי

אברהם יצחק קאַמינסקי האָבן פון צײַט צו צײַט געמאַכט פּרוּוון פון ערנסטע פאָרשטעלונגען מיט דער נײַער, בעסערער טעאַטער־יוגנט. אָבער אויך זיי האָבן געמוזט אָפּטרעטן דאָס אָרט דער אָפּערעטע. אין „ווענוס" ווידער, אויף דזשעלנע, האָט געקיניגט שטראַספויגעל מיט אַבעלמאַנען און אַנדערע אָפּהילכן פון גאָר אַלטן ייִדישן טעאַטער — פון גאָלדפאַדען (אַ פאַרקריפּלטן) לאַטײַנער, זאָלאָטאַרעווסקי, הורוויץ. ביז עס ווערט, אין 1917, געבוירן די באַרימטע „ווילנער טרופּע" אין „עליזעום"־טעאַטער.

יאָ, די „ווילנער טרופּע" איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע. פון אַ האַלב־אַמאַטאָרן־קאָלעקטיוו, וועלכער האָט אַרויסגעוואַנדערט

פון ווילנע איבער דער שכינותדיקער פּראָווינץ און איז דאָרט באַגעגנט געוואָרן דורך אסתר רחל קאַמינסקי, — וואָס האָט אין דעם קרײַז גלײַך דערזען אַ ווירדיקן נאָכוווּקס פון אירע פּאָרמעסטן אין ייִדישן טעאַטער און היים רעקאָמענדירט די אומבאַקאַנטע טרופּע קיין וואַרשע — איז עס אין וואַרשע געוואָרן אַ יש, אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט אַרײַנגעשריבן איינס פון די שענסטע בלעטלעך אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער. ה. ד. נאָמבערג האָט זיי אַ נאָמען געגעבן „ווילנער טרופּע" און ער, בראש פון דער ייִדישער שרײַבער־משפּחה אין וואַרשע, האָט זיך כסדר וואַרעם אינטערעסירט מיט דעם טעאַטער, נישט ווייניק צוהעלפנדיק צו זײַן גרויסן אויפשטײַג.

קנאַפּע צוואַנציק יאָר האָט זינט דאַן די „ווילנער טרופּע" געווירקט, אין פאַרשידענע געשטאַלטן און קאָנפיגוראַציעס, בײַ שפּאַלטונגען, איבערגרופּירונגען, וואַנדערונגען — איז זי אָבער אומאויפהערלעך געווען פאַרבונדן מיט וואַרשע, און באַטראַכט וואַרשע פאַר איר היים. מיר מיינען דאָ די „ווילנער" וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום זייער דירעקטאָר מ. מאַזאָ — דעם פּאָנטרעגער פון די „ווילנער", דעם איניציאַטיווופולן אָרגאַניזאַטאָר און אומדערמידלעכן מוח — אַ קאָלירפולע געשטאַלט פון אַ באַגאַבטן ייִדישן טעאַטער־טוער, וואָס האָט זײַן לעבן פאַרענדיקט צוזאַמען מיט הונדערטער טויזנטער קרבנות פון וואַרשעווער געטאָ.

ווער פון די בעסטע ייִדישע אַקטיאָרן און רעזשיסאָרן איז אין משך פון די קנאַפּע צוואַנציק יאָר נישט דורכגעגאַנגען דורך דער „ווילנער טרופּע" אין וואַרשע? אזרא און עלמות, וואָס זייערע שטערנס האָבן אויפגעשײַנט בײַ די „ווילנער" און זענען גיך פאַרלאָשן געוואָרן אין די שפּעטערדיקע וואַנדערונגען — און זייער ברעג — אין צפון־אַמעריקע; דער אַלטער מתתיהו קאָוואַלסקי, פּאַלאַ וואַלטער און דער אומדערמידלעכער אַקטיאָר און רעזשיסאָר לייב קאַדיסאָן; נאַכבוש און שניאור, טאַנין און שעפּטעל; די געוועזענע רוסישע אַקטיאָרן און רעזשיסאָרן אברהם מאָרעווסקי — דער גײַסטרײַכער אָריגינאַל פון ייִדישן טעאַטער — אַלעקס שטיין, און מ. סלאָבאָדסקי (אַלע פאַרבליבן נאָך דער מלחמה אין ראַטן פאַרבאַנד); יהודית לאַרעס און לאה נעמי, חנה בראַז און יוסף קאַמיען. דאָ האָבן אָנגעהויבן אַרויסצושײַנען יוסף בולאָוו און ליובאַ קאַדיסאָן; די ערשטע טריט האָבן געמאַכט חבל בוזגאַן און אַ סך אַנדערע יונגע „ווילנער". דאָ גאַסטראָלירן בײַ די „ווילנער" לעאָניד סניעגאָוו און אסתר אָזשעוווסקאַיאַ, אידאַ קאַמינסקאַ און זיגמונד טורקאָוו. די „ווילנער טרופּע" ווערט דאָ צו ביסלעך אָקופּירט דורך אַלטע ייִדישע אַקטיאָרן, אַזעלכע ווי דער אומפאַרגעסלעכער לייזער זשעלאַזאָ און שפּעטער אײַזיק סאַמבערג — וועלכן מיר וועלן נאָך באַזונדער ווידמען אַ פּאָר ווערטער — און העלענאַ גאָטליב; און — נאָך שפּעטער שימחה און נעמי נאַטאַן און אַ סך אַנדערע; דער עיקר, אָבער, פון יונגע וואַרשעווער כוחות, ווי יעקב ווײַסליץ, וואָס בלײַבט שוין יאָרן לאַנג אַ „ווילנער", מאָרים נאָרוויד, שידלאָ, יעקב גערטנער, בעלאַ בעלערינאַ, מרים שיק, מרים ווײַדע און מרים אָרלעסקאַ — די לאַנגיאָריקע פּרעמיערין פון מאַזאָס „ווילנער".

עס וואָלט באמת פאַרנומען צו פיל אָרט אויסצורעכענען אַלע אַקטיאָרן וואָס זענען אַדורך בײַ די „ווילנער" אין וואַרשע, בעיקר אין די יאָרן נאָך זייער צוריקקומען פון רומענישן טורנע (1927). דאַן זענען דאָך די „ווילנער" באַשטאַנען פון 90 פּראָצענט ייִדישע טעאַטער־יוגנט פון דער וואַרשעווער ייִדישער דראַמאַטישער שול, פון די פּראָגרעסיווע קרײַזן אין וואַרשע.

און רעזשיסאָרן! מיר האָבן שוין אויסגערעכנט אַ ריי רעזשיסאָרן וואָס האָבן מיטגעווירקט מיט די „ווילנער" אין וואַרשע. לאָמיר צוגעבן: מענדל עלקין, נו — און דוויד הערמאַן, וואָס זײַן נאָמען איז, בעיקר צוליבן „דיבוק" און „בײַ נאַכט אויפן אַלטן מאַרק", אומצורײַסלעך געווען פאַרבונדן מיט די „ווילנער" און ער אַליין — ביז זײַן אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע שוין אין די גסיסה־יאָרן פון די „ווילנער"; יעקב ראָטבאַום, וואָס האָט אָנגעהויבן צו רעזשיסירן אין די וואַרשעווער אַרבעטער דראַמקרײַזן און בײַ די „ווילנער" זיך ערשט באַרימט געמאַכט מיט זײַנע עקספּערימענטן, גרויסע אויפפירונגען מיט אַ טיפן סאָציאַלן אויסקלאַנג; בײַ די „ווילנער" אין וואַרשע באַווײַזן זיך מיט זייערע לײַסטונגען ייִדישע און פּוילישע סצענאָגראַפן: דער יאָרן לאַנג פאַרבונדענער מיט די „ווילנער" וו. ווײַנטרויב, פּריץ קליינמאַן, י. שליוואָניאַק און זיגמונט פּראָנאַשקאַ; די קאָמפּאָזיטאָרן הענעך קאָן און יוסף קאַמינסקי; כאָרעאָגראַפן, באַלעט־מײַסטערס, מוזיקער, אויסגעפּרוּווטע טעכנישע מיטאַרבעטער אא"וו. מיר וועלן זיך שוין נישט אָפּשטעלן אויפן רעפּערטואַר פון די „ווילנער" אין וואַרשע, וואָס באַשטייט פון אַן אינטערעסאַנטן און צאָלרײַכן צעטל פּיעסעס, ייִדישע און איבערגעזעצטע, פון גאָר אַ גרויסער צאָל ערנסטע מחברים, אַ צעטל מיט וועלכן די „ווילנער" האָבן געקאָנט שטאָלצירן, זײַענדיק אויך אין דעם פּרט קאָנקורענצלאָז.

נאָר דער עיקר, אויף וואָס עס איז נאָך כדאי זיך אָפּצושטעלן: דער עולם. די וואַרשעווער ייִדישע אַרבעטער־יוגנט און אינטעליגענץ, די פאַרברענטע חסידים פון די „ווילנער", וועלכע האָבן אין די ערגסטע צײַטן אונטערגעהאַלטן דאָס דאָזיקע טעאַטער, זענען געווען דורך אים באַווירקט און צוריקגעווירקט אויף זייער באַליבט טעאַטער, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן פון זײַן עקסיסטענץ באַקומען אַ בולטן רעוואָלוציאָנערן פּרצוף, אין זין פון זײַן רעפּערטואַר, זײַן סאָציאַלער פאַרשאַרפונג. אפשר דערפאַר טאַקע איז דאָס טעאַטער אַזוי צעריבן געוואָרן אונטערן שווערן דרוק פון רדיפות אין דעם זיך פאַשיזירנדיקן פּוילן אין די יאָרן 1933—1935.

.5

די צוואַנציק יאָר פון פּריציש־קאַפּיטאַליסטישן פּוילן, ווען וואַרשע איז געווען אַ צענטער פון 350 טויזנט ייִדן, האָבן זיך — אחוץ דער אַרבעט פון די „ווילנער" — אויסגעצייכנט מיט אַן אויסערגעוויינלעך אינטענסיוו און פאַרביק ייִדיש טעאַטער־לעבן. געווען צײַטן ווען וואַרשע האָט פאַרמאָגט זעקס ייִדישע טעאַטערס און אַלע האָבן געהאַט אַן עולם.

געווען פאַרשטייט זיך אויך צײַטן פון אַן אומגעהײַערער אָפּענסיווע פון שונד און אַמעריקאַנער מאַכערײַקעס, וואָס האָבן געהאַט זייער דאַנקבאַרן אָפּנעמער בײַם גרויסן שיכט ייִדישן מיטלאון קליינבירגערטום. אַלע אַמעריקאַנער סטאַרן האָבן זיך געריסן קיין וואַרשע, וויסנדיק אַז אויב זיי וועלן „אַרײַנשיסן" אין וואַרשע, איז כדאי די טרחה — סײַ אין זין פון פאַרדינסטן, סײַ אין זין פון רעקלאַמע. געווען וואַרשעווער פּעריפעריע־טעאַטערס וואָס זענען געווען אויסגערעכנט אויף די געגנס־באַדערפעניש פון פּרימיטיוורסטן עולם און צוגעפּאַסט צו זײַן געשמאַק.

אָבער געווען אויך אומגעהײַער וואָגיקע און דרײַסטע אויפטוען און פאָרמעסטן, וואָס זענען פאַרבליבן אין אײַזערנעם פאָנד פון דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער.

אַ פּאָר יאָר האָט אויסגעשטראַלט דאָס „צענטראַל"־טעאַטער

אויף לעשנע מיט זײַן קאָלעקטיוו פון ערשטראַנגיקע כוחות מיט אסתר רחל קאַמינסקי, אידאַ קאַמינסקאַ, קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, דיאַנאַ בלומענפעלד, נאַטאַליאַ ליפּמאַן, באַרסקאַ־פישער א״א; אײַזיק סאַמבערג, זיגמונט טורקאָוו, שמואל לאַנדוי, וואָלף גאָדיק, יאָנאַס טורקאָוו, משה ליפּמאַן, שימחה ווײַנטרויב, שימחה ראָזען, בן־ציון פּאַלעפּאַדע, דוויד לעדערמאַן, משה טיימאַן, פּסח קערמאַן א״א. ס'איז געווען אַ טעאַטער וווּ זיגמונט טורקאָוו האָט זיך אַרויסגערוקט אויפן אויבנאָן פון יידישן טעאַטער־לעבן מיט אַזעלכע אויפפירונגען ווי מאָליערס „דער קאַרגער", גאָגאָלס „רעוויזאָר", אַנדרייעווס „זיבן געהאָנגענע", עטינגערס „סערקעלע" (אַן אינטערעסאַנטע באַנײַונג פון דעם צירונג פון דער עלטסטער יידישער קאָמעדיאָגראַפיע) אאַ״וו; וווּ אײַזיק סאַמבערג — דער דאָזיקער זאַפטיקער און קרעפטיקער יידישער פאָלקסקינסטלער האָט מיטגעריסן דעם עולם מיט זײַנע אומפאַרגעסלעכע קרעאַציעס פון „מאָטקע



אסתר רחל קאַמינסקי (אַלס „סערקעלע")

גנב", פון דעם גאָראָדניטשי אין „רעוויזאָר", פון שימעלע סאָראָקער אין „גרויסן געווינס" אאַ״וו; וווּ שמואל לאַנדוי — אַן אַקטיאָר פון דער אַלטער אסתר רחל־גוואַרדיע — האָט געשאַפן אַ ריי מאָנאָליטישע סצענישע געשטאַלטן, ווי פון מאַרמאָר אויסגעהאַמערטע; וווּ קלאַראַ סעגאַלאָוויטש האָט זיך באַוויזן אין איר אומפאַרגעסלעכן שאַרזש; וווּ אַנדערע — אויבן־דערמאָנטע און נישט־דערמאָנטע אַקטיאָרן — האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו שאַפן



אינטערעסאַנטע געשטאַלטן, נישט רעדנדיק שוין וועגן אסתר רחל קאַמינסקי, וואָס פלעגט זיך באַווײַזן פאַרן ווארשעווער עולם אין אירע אַלטע קרעאַציעס און איז איניקע מאָל דערשינען אויך אין נײַע ראָלן, נײַע אויפפירונגען (אַ שטייגער גאָלדע אין „טביה דער מילכיקער") און אידאַ קאַמינסקאַ, וואָס האָט שוין אין די מלחמה־יאָרן פאַרנומען אַן אויבנאָן אויף דער יידישער בינע, בײַ דער זײַט פון איר מאַמען און אין „צענטראַל"־טעאַטער פעסט אָנגעהאַלטן איר פּאָזיציע.

פון דעם „צענטראַל"־טעאַטער טאַקע איז אין יאָר 1924 אַרויסגעוואַקסן אידאַ קאַמינסקאַס און זיגמונט טורקאָווס ווארשעווער יידישער קונסט־טעאַטער „וויקט", וואָס איז אין יאָר 1927 צוריקגעקומען אין קאַמינסקיס טעאַטער, אָפּגעפרישט מיט אַ גרויסער גרופּע בעסערע יידישע טעאַטער־יוגנט, האָבנדיק אַזעלכע אויפפירונגען — צווישן אַנדערע — ווי גאָלדפאַדענס „דאָס צענטע געבאָט" אין אַ נײַעם לבוש, ראָמאַן ראָלאַנס „די וועלף" א״א.

נאָך אַ פּאָר יאָר וואַנדערונגען איז זיך דער „וויקט" ווידער צעפאַלן און אויפגעלעבט געוואָרן דורך זיגמונט טורקאָוון אין יאָר 1938, געבנדיק דאַן מאָנומענטאַלע אויפפירונגען פון גאָלדפאַדען — באַאַרבעטונגען — „שולמית", „בר־כוכבא" — וויקטאָר הוגאָס „גלאָקן־קלינגער פון נאָטער־דאַם" (צוגרייטנדיק אויף דער פּראָווינץ דעם רעפּערטואַר פאַר ווארשע) מיט שימחה און נעמי נאַטאַן, ענילי



שימחה און נעמי נאַטאַן

ליטאָן, אסתר פּערלמאַן, יעקב מאַנדלבליט, פּערל אוריך, יצחק גרודבערג, חיים ניסנצווײַג, די אָפּערן־זינגער ליובע לעוויצקאַ, אַלבערט פעלער און אַנדערע. דאָס איז געווען די גרעסטע בליצײַט פון „וויקט", טריומף־פאָרשטעלונגען פון „שולמית" אין ווארשעווער „נאָוואָשטשי"־טעאַטער, ווען די ערשטע היטלעריסטישע באָמבעס אויף ווארשע האָבן חרוב־געמאַכט דאָס טעאַטער, דעם „וויקט", אָנהייבנדיק דעם חורבן פון גרויסן יידישן ווארשע.

דער „וויקט" האָט אין אַ קורצערן פּעריאָד און ממילא אין אַ קלענערן פאַרנעם אָפּגעשפּילט אין ווארשעווער טעאַטער־לעבן אַזאַ ראָלע, ווי די „ווילנער טרופּע", אָריענטירנדיק זיך אויף דעם זעלבן עולם, וואָס די „ווילנער" און זײַענדיק באַהויכט מיט אַן ענלעכן געזעלשאַפטלעכן גײַסט. ער איז דעריבער געוואָרן אַזוי אייגן דעם רעוואָלוציאָנערן יידישן ווארשע, ווי די „ווילנער טרופּע".

אין דעם זעלבן גײַסט האָט געווירקט אַ פּאָר יאָר — פון 1932 — דער לעצטער אַרויסלאָז פון דער יידישער דראַמאַטישער שול אין ווארשע אונטערן נאָמען „יונג־טעאַטער". באַשטאַנען איז עס בלויז פון יונגע, נישט־דערפאַרענע כוחות, געשפּילט אין קליינע ספּעציעל צוגעפּאַסטע זאַלן. אָבער אַ דאַנק דער אינטערעסאַנטער עקספּערימענטאַלער סצענישער לעזונג פון די פּיעסעס, דער סאָציא־

לער אַנלאַדונג זייערער („באָסטאָן", „קראַסין", „טרופּע טאַנענצאַפּ", „מיסיסיפּי", א"א.) איז עס גאָר גיך געוואָרן אַ טעאַטער, וואָס האָט זיך דערוואָרבן די וואַרעמסטע סימפּאַטיעס פון פּאָרגעשריטענעם ווארשע — פון ייִדישן עולם און פון די פּוילישע טעאַטער־טוערס.

אין פאַרשידענע טעאַטער־בנינים, פאַרשידענע געגנטן פון דער שטאָט, זענען געמאַכט געוואָרן ערנסטע פּרוּוון און עקספּערימענטן פון דוויד הערמאַן, אברהם מאָרעווסקי, אידאַ קאַמינסקאַ, יאָנאַס טורקאָוו. אַ געווויסע ציַיט האָט געווירקט אין וואַרשע אַ ייִדישע אָפּערע אונטער הערמאַנס רעזשי — די אָפּערע „דוויד און בת־שבע" פון הענעך קאָן, טעקסט משה בראָדערזאָן, מיט רות לעוויאַש און משה רודינאָוו. עס האָבן פון סוף 1925טן יאָר אָנגעהויבן צו ווירקן — און ציַיטנווײַז מיט אַן אומגעהייערן דערפאָלג קינסטלעריש און מאַטעריעל — דאָס וואַרשעווער קליינקונסט־טעאַטער „אַזאַזעל", שפּעטער „סמבטיון", דאַן „ייִדישע באַנדע" און דער לעצטער „אראַ־



שמואל לאַנדאו

ראָט" מיט משה בראָדערזאָן בראש, מיט הערמאַנען אַלס רעזשיסער פון „אַזאַזעל", נאָזשיקן — פון „סמבטיון" און „ייִדישע באַנדע", מיט הענעך קאָן אַלס פּאָפּולערסטן קאָמפּאָזיטאָר, דוויד בייגעלמאַן, יוסף קאַמינסקי, הערץ רובין א"א.

ערנסטע פאַרמעסטן האָבן געמאַכט די גאַסטראָליאָרן לידיאַ פּאָטאָצקאַ, פּאַול באַראַטאָוו, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, קורט קאַטש. מאָריס שווארץ האָט אויף אַ ציַיט דערדריקט דאָס ייִדישע טעאַטערלעבן אין וואַרשע מיט זיין „יאָשע קאַלב", פאַרנעמענדיק דערבײַ אַ גרויסע צאָל פון די בעסטע ייִדישע אַקטיאָרן אין פּוילן. גרויס אין פאַרנעם איז געווען דאָס יאָר 1931—32 אין וואַרשעווער „נאָוואָשטשי"־טעאַטער — די שאַפונג פון אַ ייִדישן רעפּערטואַנטשטעאַטער מיט סאַמבערג, מאָרעווסקי, לידיאַ פּאָטאָצקאַ, מנחם רובין און אַן אַנסאַמבל פון נאָך צוואַנציק אַקטיאָרן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, רחל האָלצער, דיאַנאַ בלומענפעלד, חבל בוזגאַן. נאָך פון אַ מער דויערנדיקן ווערט זענען געווען צוויי פאַרמעסטן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין וואַרשע די לעצטע יאָרן פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה: דאָס „טעאַטער פאַר יוגנט" אונטער דער אָנפירונג פון קלאַראַ סעגאַלאָוויטש און „אידאַ קאַמינסקאַ"־אַנסאַמבל.

דאָס „טעאַטער פאַר יוגנט" האָט אָנגעהויבן מיט מאַנגערס באַאַרבעטונג פון גאָלדפאַדענס „כישופמאַכערין", מוזיקאַלישע באַאַרבעטונג פון הענעך קאָן, רעזשי — ראָטבאַום, מיט דינה האַלפערן, קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, באָזשיק, קוטנער און דערנאָך — צוויי פאָרשטעלונגען פון באַזונדערן ווערט: שעקספּירס „שטורעם", אין דער אויפפירונג פון באַרימטן פּוילישן רעזשיסער לעאָן שיללער, סצענאָגראַפיע — דאַשעווסקי, און יעקב פרעגערס „מיילעך פרייַלעך" אין ווײַכערטס רעזשי — מיט אברהם מאָרעווסקי, וו. גאָדיק, משה און נאַטאַליאַ ליפּמאַן, דניאל שאַפּיראָ (געווען אַן אָנגעזעענער אַקטיאָר פון דער לעצטער „ווילנער טרופּע" — דער ערשטער מלחמה קרבן פון די ייִדישע אַקטיאָרן, אומגעקומען בעת דער לעצטער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע), אברהם קורץ, אסתר גאָלדענבערג א"א.

דאָס איז געווען אַ דערציִערישע קונסט־אינסטיטוציע סײַ פאַר יוגנט סײַ פאַר די עלטסטע ליבהאָבער פון ערנסטן גוטן טעאַטער.

„אידאַ קאַמינסקאַס־אַנסאַמבל", וואָס האָט שוין עקסיסטירט זינט אַ פּאָר יאָר מיט אַזעלכע אַקטיאָרן, ווי אַדאַם דאָמב, סאָניע אַלטבוים, מאיר מעלמאַן (געוו. „וויקטאָווצעס"), יעקב קורלענדער, דוויד קאַמאַי, אידע נאַטאַן א"א., האָט זיך די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה סטאַביליזירט אין וואַרשע, געבנדיק צווישן אַנדערע אַזאַ אויפפירונג ווי לאָפּע דע וועגאַס „שעפּסן־קוואַל", אידאַ קאַמינסקאַס דראַמאַטיזאַציע פון יהושע פּערלעס „נ'ע מענטשן", מ. בוימאַנס „גליקל האַמעלן", מיט סצענאָגראַפיע פון איוואָ גאַל.

דאָס טעאַטער איז טאַקע געווען אידאַ קאַמינסקאַס אין זין פון קאָנצענטרירן אַלע כוחות אַרום איר אַרטיסטישער אינדיווידואַליטעט, האָט אָבער דערבײַ געגעבן פולווערטיקע קינסטלערישע פאָרשטעלונגען אויך אין זין פון זייער אַנסאַמבל צוזאַמענשפּיל.



העלענאַ גאָטליב

אין אַזאַ צושטאַנד — טראָץ די רדיפות פון דער סאַנאַציע רעגירונג, אומגעהײַערער פויפּעריזאַציע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, קלאָגעדיקער עקאָנאָמישער לאַגע פון ייִדישן אַקטיאָר און אַלגעמיינע דעפּרעסיע אין לאַנד — האָבן דעם ייִדישן טעאַטער אין וואַרשע באַגעגנט די היטלעריסטישע באָמבעס פון סעפּטעמבער 1939.

.6

די היטלעריסטישע באמבארדירונג פון ווארשע האט חרוב געמאכט אלע ייִדישע טעאטער־געביידעס, די היטלעריסטישע הערשאפט האט חרוב געמאכט, פארטיליקט דעם גרויסן ייִדישן פאלקס־קיבוץ. בהדרגהדיק, טריט בײַ טריט, מיט א סיסטעם און אן א סיסטעם, איז די דאזיקע פארטיליקונג צוגעגאנגען, האבנדיק איר פינאל אין דעם העראָישן אויפשטאנד פון דער ייִדישער קאמפס־ארגאניזאציע דעם 19טן אפריל 1943.

אין ווארשע זענען פארבליבן איבער הונדערט ייִדישע אקטיארן — ווארשעווער און פראווינצער — נאך דעם ווי א גרויסע צאל האט זיך באוויזן צו ראטעווען אויף דער סאוועטישער זײַט. פארן אײַנשליסן די ייִדן אין געטא האבן די אקטיארן געמוזט לעבן אין דער גרעסטער נויט, פון קצבה, אויף נעבעכדיקע „זופן" פון געזעלשאפטלעכע קיכן, ענלעך ווי צענדליקער טויזנטער ייִדישע אינטעליגענטן, ארבעטער, בעל־מלאכות. אין דער זעלבער צײַט האבן זיך געפונען גרופעס אויפגעקומענע גבירים, שמוגלער, ספעקולאנטן און אפילו — משרתים פון היטלעריסטישן אקופאנט, וואס האבן געלעבט אין ווױלטיק און אין לוקסוס. טראָץ דעם אויסנאם־צושטאנד. אין דער סכנה וואס איז געהאנגען איבער די ייִדישע קעפ האט מען געפראוועט סעודות, געהוליעט ביזן טאג ארײַן, געפראוועט אָרגיעס, שכרות און אויסגעלאסנקייט.

אין רינגעלבלום־ארכיוו אין ווארשעווער ייִדישן היסטארישן אינסטיטוט, געפינט זיך דער כתב־יד פון יאנאס טורקאוו (דער איינציקער, מיט זײַן פרוי דיאנא בלומענפעלד, וואס זענען לעבן־געבליבן פון דער ייִדישער אקטיארן־משפחה אין ווארשעווער געטא) מיטן כאראקטעריסטישן נאמען „ווארשע ווײַלט זיך"... האבן מיר דארט א געטרײַ בילד פון דעם ייִדישן טעאטער אין ווארשע אונטער דער היטלעריסטישער אקופאציע און דאן — אין געטא. א טרויעריק בילד, א מוראדיק בילד — פון אומגעהײַערער געפאלנקייט און דעמאראליזאציע פון דער ייִדישער בורזשואזיע. די געפאלנקייט האט זיך אויך אפגעשפיגלט אויף די ייִדישע אקטיארן, וועלכע זענען געצוווּנגען געווארן צו דינען דער דאזיקער בורזשואזיע. מיר האבן אבער אויך באווײַזן וועגן דער שטרעבונג פון א טייל ייִדישע אקטיארן צו עפעס העכערס און די ערשטע פרווון צו דערגרייכן עס — אפילו אין די מוראדיקע געטא־באדינגונגען.

ייִדישע אקטיארן זענען געווארן טעטיק נאך פארן אײַנשליסן אין געטא. עס האט זיך אנגעהויבן פון אויפטריטן אין פריוואטע שטיבער פון גבירים, ווו עס פלעגן כמעט יעדן טאג געפראוועט ווערן שימחות, ווײַזט אויס מיטן געדאנק ארײַנצוכאפן דעם הײַנטיקן טאג, ווײַל מארגן קאן שוין זײַן צו שפעט. אויף אזא שימחה איז אמאל אויפגעטראטן דער פאפולערער קאמיקער שימחה פאסטעל און אזוי נושא חן געווען בײַ דער שכורער חברותא, אז מען האט אים אנגעהויבן „צו רײַסן פון די הענט". האבן זיך אנדערע אקטיארן פארקוקט דערויף און ס'איז אוועק א סדרה אויפטריטן אויף שימחות אין פריוואטע שטיבער. דער דערפאלג פון אזעלכע אויפטריטן האט באוויגן די דײַטשע אייגנטימערין פון קאפע „גערטנער" אויף טלאמאצקע 13 (ווו עס איז געווען א מאל דער לאקאל פון ייִדישן ליטעראטן־פאראיין), מאגדא פאגט, צו ארגאניזירן ארטיסטן־אויפטריטן אין קאפע. געווען איז עס אין מײַ 1940 און אנגעהויבן זיך מיט די פראדוקציעס פון דעם זעלבן פאסטעל און דעם באקאנטן זינגער דוויד זײַדערמאן. און כאטש דאס באזוכן א קאפע איז געווען פארבונדן מיט סכנות נפשות (נישט־זעלטן פלעגן צו־
פארן א פאליציי־אויטא צו די קאפעען, רעווידירן דעם עולם, צורויבן דאס ביסל פארמעגן, כאפן אויף ארבעט, ארעסטירן), האבן די אויפטריטן צוגעצויגן א געוויסן עולם ייִדן פון די, וואס האבן זיך נישט געקאנט פארגינען צו מאכן אין שטיבער פריוואטע פארווײַלונגען מיט אקטיארן. דער דערפאלג האט באוויגן צוויי אנדערע דײַטשן צו ארגאניזירן א קאנקורענץ אין „מעלאדי פאלאס" אויף רימארסקע, ווו עס איז פון אנהייב אויפגעטרעטן דיאנא בלומענפעלד, וועלכע איז בעת דער מלחמה פארוואנדלט געווארן פון א דראמאטישער ארטיסטקע אין א לידל־זינגערין. ר. ראזען־נײַווירט, א יונגע אקטריסע, דוויד בירנבוים, וואס איז געקומען צום ייִדישן טעאטער דורך דוויד הערמאנס סטודיע, י. גרינשפאן פון דער ייִדישער אפערעטע און י. קינעלסקי, פון דער ייִדיש־פוילישער עסטראדע. אויף פאנסקע האט זיך געעפנט אן ענלעכער לאקאל „באנאפעטי" (סארא מאקאברישע ברכה פאר ייִדן אונטער דער היטלעריסטישער הערשאפט!), ווו ס'איז אויפגעטרעטן אײַזיק סאמבערג, וועלכן מיר האבן שוין אזוי פיל דערמאנט, רעגינע צוקער — די פאפולערע סוברעטין פון דער ייִדישער אפערעטע. אין אנדערע לאקאלן — אידא ערוועסט, חנה לערנער, — אקטיארן, אקטריסעס, ייִדישע און פוילישע. עס האבן זיך אנגעהויבן צו מאכן אזעלכע לאקאלן, ווי שוואמען נאך א רעגן. זייער עולם איז בעיקר באשטאנען פון יינגווארג, שמוגלערס, מענטשן, וועלכע האבן יעדן טאג געשטעלט זייער לעבן אויף דער קארט און דערפאר געוואלט אויף דער שנעל הנאה־האבן פון די גרויסע געלטער, וואס זיי האבן פארדינט.



דוויד בירנבוים

נאר אויך די איבעריקע ייִדן, פשוטע ייִדישע פאלקסמענטשן, וואס האבן טאקע געלעבט אין גרעסטן הונגער און נויט — האבן געלעכצט נאך טעאטער־פארווײַלונג. ייִדיש טעאטער איז פאר א ווארשעווער ייִדישן פאלקסמענטש געווען, ווי ברויט. און כאטש ברויט איז געווען זייער קארג, האט ער פון דעסט וועגן געזוכט טעאטער אויך. עס האבן זיך א מער־געטאן אין פארשידענע שטאלן, הורבות, גרויסע ביידעמער טעאטער־פאראנשטאלטונגען, ארגאניזירט דורך „ארטיקע כוחות", געוועזענע מיטגלידער פון פארשידענע דראמאטישע קרײַזן, מיט וועלכע ווארשע איז אזוי רײַך געווען אין צווישן מלחמה־פעריאד. דאס זענען געווען די טעאטער־שפײַזער פון

דער יִדישער אָרעמקייט. די שפּײַז האָט נאָך אָפט מאָל געהאַט דעם טעם און דערנערונגס־זאַפטן פאַרן גײַסט, ווי די היטלעריסטישע פּראָדוקטן, וואָס זענען צוגעטיילט געוואָרן פאַרן גוף פון די יִדן. ערגסטע שונד אין דער גרעבסטער צאָל פאַלן. און סערווירט — נישט בעסער.

און ווײַל דער דראַנג נאָך טעאַטער איז אַזוי גרויס געווען בײַם מאַסנמענטש, זענען די „פאַרשטעלונגען" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קוואַל פון פּרנסה פאַר הפקר־יונגען, אומפאַראַנטוואָרטלעכע עלעמענטן, וואָס האָבן פאַרמיסטיקט דאָס יִדישע טעאַטער.

אפשר האָט דאָס באַוויזן די יִדישע „אַליינהילף", — בײַ דער מיטאַרבעט פון די בעסערע, פּראָגרעסיווע הויז־קאָמיטעטן — אַ צענטראַלע אימפּרעסע־קאָמיסיע, וועלכע האָט איבערגענומען דאָס אָרגאַניזירן יִדישע אַקטיאָרן און אַנדערע קינסטלער — אַן ערך 250 מאַן — אָרגאַניזירן די אימפּרעסעס אויף אַ העכערער מדרגה, צוגעבן זיי אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, אַ קולטור־אַטמאָספער און די הכנסות פאַרוואַנדלען אויף הילפסאַרבעט פאַר קינדער, פאַר די נויטבאַדערפטיקסטע בײַ די הויז־קאָמיטעטן אאַ"וו.

אין אַזאַ צושטאַנד פון יִדישן טעאַטער־לעבן האָט באַגעגנט וואַרשע דאָס אײַנפירן די געטאָ־גזירה, וואָס האָט פאַרמאַכט אַ האַלבן מיליאָן יִדן אונטער די מויערן און שטעכלדראָט פון ענגן, חושכדיקן „יִדן־פערטל", ווי אַ פאַסטקע אויף בעסער אַדורכצופירן די היטלעריסטישע אויסראָטונג.

.7

אָבער דערווײַל האָבן יִדן ווי עס איז געלעבט. און שוין אין דעצעמבער 1940, אַ חודש נאָכן פאַרמאַכן די יִדן אין געטאָ, האָט זיך אין וואַרשע געעפנט דאָס ערשטע יִדישע טעאַטער. אַ טעאַטער אין ענגן זין פון וואָרט, נישט קיין אויפטריטן בײַ טישלעך אין פּריוואַטע שטיבער און קאַפעען.

אין דער צוריק אויפגעבויטער בודע אויף דזשיעלנע־גאַס (דעם אַמאָליקן „סקאַלאַ"־טעאַטער) האָבן מאיר ווינדער און שימחה ריבאַ — צוויי פאַרמלחמהדיקע אימפּרעסאָרן — געעפנט דאָס טעאַטער „עלדאָראַדאָ" (אַ גן־עדן אין געטאָ . . .) מיט אַ רעווי „אין רעדל". לכתחילה האָט די רעווי געזאָלט הייסן, „זע, ווו דו גייסט", נאָר דעם נאָמען האָט די צענזור נישט דורכגעלאָזט. אַ סימן, אַז זי האָט גוט אַרײַנגעקוקט אין דער טעאַטער־שיסל.

דערבײַ מוז מען זיך קלאָר מאַכן, אַז אויב עס איז געעפנט געוואָרן אַ יִדיש טעאַטער אין געטאָ — מיט אַפּישן, אַ קאָנצעסיע — האָט עס געמוזט זײַן אַ דאַנק שתדלנות בײַם היטלעריסטישן אָקופּאַנט מצד מענטשן, וואָס זענען געווען אין נאָענטע באַציִונגען מיט געוויסע אָקופּאַנטישע אינסטיטוציעס. דאָס איז אָבער נישט שײַך דער אַקטיאָרן־גרופּע, וואָס האָט געשפּילט אין טעאַטער אונטער דער קינסטלערישער אָנפירונג פון אײַזיק סאַמבערג, רעזשי — שלמה קוטנער, אין באַשטאַנד: אסתר גאָלדענבערג, יוכבד זילבערג, מאַקס ברין, אברהם קורץ, זשאַק לעווי, עווע שטאָקפעדער, שימחה ראָזען, שלמה קאָן, דוויד בירנבוים, משה גאַרבאַזש א"א. צו זיי איז אָבער יאָ שײַך דער קינסטלערישער ניוואָ פון טעאַטער, וואָס האָט ווײַט נישט באַפרידיקט.

אין זײַן פריִער־דערמאָנטער אַרבעט פון רינגעלבלום־אַרכיוו שרײַבט יאָנאַס טורקאָוו: „מיט גרויס אינטערעס איז מען געקומען צו דער פײַערלעכער פּרעמיערע פון ערשטן יִדישן טעאַטער אין געטאָ. לײַדער איז אונדזער אַנטוישונג געוואַקסן פון איין נומער צום צווייטן. אָן אחריות, אָן שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער ערנסטקייט פון דער צײַט, אין וועלכער יִדיש טעאַטער איז באַרופן, הגם מיט אַ צוים אויפן מויל, צו זאָגן זײַן וואָגיק וואָרט, האָט מען צוגעגרייט אַ פּראָגראַם וואָס איז באַשטאַנען פון פאַרעלטערטע — בעסער געזאָגט, פון פאַרשימלטע אײַנאַקטער־סקעטשן, נאָר אַנדערש געשלײַערט. מען איז פּשוט רויט געוואָרן פאַר בושה, זיצנדיק אין טעאַטער און צוהערנדיק די געשמאַקלאָזע וויצן און צוקוקנדיק זיך, ווי אונדזערע גוטע יִדישע אַקטיאָרן מאַכן חוזק פון זיך און פון אונדז".



ווײַטער איז געגאַנגען נאָך ערגער. דאָס טעאַטער האָט אָנגעהויבן צו שפּילן גאַנצע פּיעסן פונעם מין „רבקהלע דעם רבינס", „ציפּקע פון נאָוואָליפּקע", „אונדזער רביניו", „דער וועג קיין בוענאָס־אײַרעס" און ענלעכע. גיך זענען אַוועק פון טעאַטער אַזעלכע אַקטיאָרן ווי סאַמבערג, קוטנער, אסתר גאָלדנבערג און זשאַק לעווי. אויף זייער אָרט זענען אַרײַן: רעגינע צוקער, דוויד זײַדערמאַן, חנה לערנער, שימחה פאָסטעל. מיט אַזאַ פאַרדאָרבענער טעאַטער־שפּײַז האָט דאָס „עלדאָראַדאָ" געקאָרמעט די געטאָ־יִדן ביז קורץ פאַר זײַן ליקווידאַציע. ווײַל ערשט אין מײַ 1942 פירט דאָרט אויף דער באַגאַבטער יונגער רעזשיסער מאַקס וויסקינד — וואָס האָט אין די יאָרן 1939—1941 געאַרבעט אין ביאַליסטאָקער און אין ווילנער יִדישע מלוכה טעאַטערס און אין ווילנער געטאָ־טעאַטער — לעאָ קאָברינס „דאָרפסיונג". די פאָרשטעלונג איז געווען אַ קולטורעלע, קינסטלעריש געשטאַנען אויף אַ לײַטישער מדרגה און עס האָט זיך באַזונדערס אין איר אויסגעצייכנט דער יונגער האַררי זײַדערמאַן (אַ זון פון די אַקטיאָרן זײַדערמאַן־לערנער) אין דער ראָלע פון „יאַנקל בוילע". די פאָרשטעלונג האָט געקאָנט ווערן אַן אָנהייב



שימחה ראָזען

פון קינסטלערישן אויפשטײַג פון „עלדאָראַדאָ". דאָס איז אָבער איבערגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיטן אָנהייב פון דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ — די גרויסע אַקציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 22טן יולי 1942.

„עלדאָראַדאָ" איז נישט געווען דאָס איינציקע טעאַטער אין געטאָ. אחוץ אַ ריי פּוילישע טעאַטערס, ווו עס האָבן געשפּילט געוועזענע אַקטיאָרן פון אָנגעזעענע פּוילישע טעאַטערס, אַקטיאָרן מיט אַ יִדישן פּנים אין זייער אָפּשטאַמונג — אַזעלכע טעאַטערס האָבן

זיך געשאַפן אײניקע — איז אויך אײנגיכן צוגעקומען דער „נײַ־אזאזעל" אויף נאָוואָליפּקע 72, אַ הויז, וואָס איז געווען דירעקט בײַ דער גרענעץ פון געטאָ. געשאַפן איז עס געוואָרן דורכן איבערבויען אַ געוועזן מיסיאָנעריש געבעטהויז, פינאַנצירט געוואָרן איז דער איבערבוי פון טעאַטער און זײַן אָנפירונג דורך... שמוגלערס, וואָס האָבן אין טעאַטער געזען אַ באַקוועמע טראַנזיטבאַזע פאַר זייערע טראַנספּאָרטן. „נײַ־אזאזעל" איז אָנגעפירט געוואָרן דורכן אַקטיאָר חיים סאַנדלער און געשפּילט האָבן דאָרט: חנה לעווין, ראָזאַ גאַזעל, ראָזאַ סאַנדלער, דוויד האַמבורגער, י. באַלבירסקי, יעקב ווײַנבערג, יוסף נײַווירט, ראָזאַ הילסבערג און אַ ריי פּרישע נעמען, נישט פּראָפעסיאָנעלע ייִדישע אַקטיאָרן. אויך דאָס טעאַטער האָט אָנגעהויבן מיט אַ רעווי „די ייִדישע קאַפּעליע" און אַריבערגעגאַנגען צו גאַנצע פּיעסן, וואָס האָבן מיט זייער קולטור און קינסטלערישן ניוואָ נישט איבערגעשטיגן דעם „עלדאָראַדאָ". סײַדן — מיטן גלאַנץ פון קאָסטיומען און אויסשטאַטונג, וואָס איז געווען רײַך און געשמאַקלאָז. שפּעטער איז אין דעם טעאַטער צוגעקומען סאַמבערג, וועלכער האָט געשפּילט „דאָס גרויסע געווינס", „גאָט פון נקמה", „דבוק", אַפילו דעם „קאַרגן", אַלס פּיעסע פון אַ ייִדישן מחבר (ווײַל ווערק פון נישט־ייִדישע מחברים האָט מען אין געטאָ נישט געטאָרט שפּילן), אָבער אויך ער האָט נישט באַוויזן שטאַרק צו הייבן דאָס טעאַטער. די סיבות? אויף דעם וועלן מיר זיך נאָך שפּעטער אָפּשטעלן.

גיך האָט זיך געשאַפן אַ דריט טעאַטער אין „מעלאָדי־פּאַלאַס" אויף רימאַרסקע, ווו עס זענען איבערגעגאַנגען פון „עלדאָראַדאָ" דוויד זײַדערמאַן, חנה לערנער, שימחה פאָסטעל מיט אַנדערע גוטע אַקטיאָרן און פּריש־אויפגעקומענע געטאָ־אַקטיאָרן. און ווידער: „אַ ייִדישע חתונה", „שכנא, ווו לויפסטו?" אאַ"וו.

ערשט קורץ פאַר דער גרויסער ליקווידאַציע־אַקציע האָבן זיך אָנגעהויבן אין זאַל פון דער יודאַיִסטישער ביבליאָטעק אויף טלאָמאַצקע 5 (ווו עס געפינט זיך הײַנט דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט און ווו עס איז דאַן געווען די „געזעלשאַפטלעכע אַלײַנהילף") די אויפטריטן פון דיאַנאַ בלומענפעלד און יאָנאַס טורקאָוו אין דער קאָמעדיע „פּרוידס טעאָריע פון חלומות", וואָס איז געווען פאַרטראַכט אַלס אָנהייב פון אַן ערנסטער קינסטלערישער טעאַטער־אינסטיטוציע אין וואַרשעווער געטאָ. דער פּרווו איז אָבער, צוזאַמען מיט אַלע פריִער־אויסגערעכנטע טעאַטערס, אָפּגעווישט געוואָרן דורך דער יולי־אַקציע, וואָס איז געווען אַן אָנהויב פון דער מאַסנהאַפטער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ.

עס האָט זיך אויך בײַם „צענטאָס" אַנטוויקלט אַן אינטערעסאַנטע טעאַטער־אַרבעט פאַר קינדער, אויסגעפירט דורך אַ בריגאַדע אין באַשטאַנד פון אײַזיק סאַמבערג, חנה בראַז און אַברהם סורץ.



חנה בראַז

בײַם יתומים־הויז פון יאַנוש קאָרטשאַק איז טעטיק געווען אַ מאַריאָנעטן־טעאַטער אויך פאַר ייִדישע קינדער פון דרויסן. עס זענען פאָרגעקומען פאָראַנטשטאַלטונגען פון די פאָלקסקיכן אונטער דער אָנפירונג פון י. גלאַדשטיין און י. פײַווישיס, אויפטריטן פון ייִדישן סימפאָנישן אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פון שמעון פולמאַן, מ. נײַטײַך און א. פורמאַנסקי, קאָנצערטן פון ייִדישן וואָרט, ליד און מוזיק, אויפטריטן פון די פאַרשידענע בריגאַדעס בײַ די ייִדישע הויז־קאָמיטעטן, פון אַמאַטאָרן־קרײַזן. טאָ ווו־זשע ליגט די סיבה פון דער אָפּגעשטאַנענקייט פון דעם „לעגיטימען" ייִדישן טעאַטער אין געטאָ, אַ טעאַטער, וואָס איז אַזוי רײַך געווען מיט אַקטיאָרישע טאַלאַנטן און פאַכמענישע מעגלעכקייטן? ווו ליגט דער סוד פון זײַן קינסטלערישן באַרג־אַראָפּ? אויף דעם איז כדאי זיך באַזונדער אָפּצושטעלן.

## 8.

מיר ווידמען ספּעציעל אַזויפיל פּלאַץ דעם טעאַטער אין געטאָ, כאָטש זײַן צײַטדויער שטייט נישט אין קיין שום פּראָפּאָרץ צו די איבעריקע אָפּשניטן אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער אין וואַרשע, מיט וועלכער מיר האָבן זיך באַמיט דאָ צו באַקענען אין אַלגעמיינע שטריכן. מיר טוען עס דערפאַר, ווײַל די אייגנטימלעכקייטן פון די מאַקאַברישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז אויסגעקומען צו ווירקן דעם ייִדישן טעאַטער אין געטאָ, איז אַן אומפאַרגלײַכלעכע און די באַדינגונגען זענען איינציק אין זייער מין, קאָנען זיך שוין מער נישט איבערחזרן.

דער סאָציאַלער אָפּשטאַם פון ייִדישן טעאַטער איז פון זײַנע ערשטע טעג אָן געווען אַ פאָלקישער, אָבער אָפּט מאָל — אַ לומפּן־פּראָלעטאַרישער.

אין געטאָ איז פאָרגעקומען אַ ראַשיקע עקאָנאָמישע איבערגרופּירונג. פולשטענדיקער אונטערגאַנג פון גרויסע טיילן פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט און פון די האַנטווערקער, פּויפּעריזאַציע פון דער מערהייט אַזוי גערופענע באַלעבאַטישע ייִדן — פון מיטעלן־ און קליינבירגערטום. אויף דעם פּאָן — די שאַפונג פון אַ נײַעם שיכט: אַ לומפּן־בורזשוּאַזיע און קליינבירגערטום, דעמאָראַליזירטע אינטעליגענץ און פון לומפּן־פּראָלעטאַריאַט, אונטערוועלטניקעס, אויסוואָרפן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. די בורזשוּאַזיע און די בורזשוּאַזע אינטעליגענץ האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם „יודנראַט" און געפירט זייערע שמוציקע עסקים מיטן היטלעריסטישן אויסראָטער, מיינענדיק אַזוי אַרום צו ראַטעווען זייערע קלאַסן־פּאָזיציעס און דאָס נעבעכדיקע לעבן; די לומפּן־בורזשוּאַזיע האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום באַרימטן „דרײַצנטל", דעם שאַנטאַזשיסטיש־קאָלאַבאָראַציאָניסטישן פאַרזעעניש פון גאַנצווײַך, אַרום קאָן און העלער — גאַנצווײַכס קאָנקורענטן, אַרום דער ייִדישער געטאָ־פּאָליציי. דאָס איז געווען אַ שיכט, וואָס איז שנעל רײַך געוואָרן אויפן חשבון פון ייִדישע צרות און בלוט און האָט אויך אָפּנים געפילט, אַז זײַן רײַכקייט איז נישט קיין דויערנדיקע און דעריבער געוואָלט מער אַרײַנכאַפּן פון לעבן מיט הוליאַנקעס, אָרגיעס, פאַרווײַלונגען. דער שיכט האָט עס בעיקר גענאָסן פון די קאַפעען, טעאַטערס — ער איז געווען דער פינאַנציעלער אָנשפּאַר פון די אינסטיטוציעס. די ייִדישע אַקטיאָרן האָבן ממילא — באַוווּסטזיניק אָדער נישט — אויסגעפירט אַ באַדינונגס־פונקציע פאַר דער לומפּן־בורזשוּאַזיע. באַזונדערס לײַטזעליק איז צו זיי געווען גאַנצווײַך, וועלכער האָט זיך בכלל באַמיט אָנצוגיין אַלס מעצענאַט פון ליטעראַטור און קונסט. (רינגעלבלום־נאָטיצן פון 1942.12.10). ס'איז באַקאַנט

דער פאַל פון דער אימפּאָזאַנטער בר־מצוה־פײַערונג פון גאַנצווײַכס זון אין טעאַטער „נײַ־אַזאַזעל“. אין די רינגעלבלום־נאָטיצן געפינען מיר אויך א פאַרצײַכענונג פון 1941.4.17:

„די טעג האָט דאָ געווײַלט מערין. (1) מען האָט אים אויפגענומען, ווי א מלך. אין טעאַטער האָבן אים די אַקטיאָרן באַגריסט“... דאָס איז א קלאָרע, יודענראַטלערישע ראָלע פון א גרויסן טייל פון יידישן טעאַטער — פון דעם שונד־טעאַטער, וואָס האָט זיך באַפעסטיקט אין אַלע עקסיסטירנדיקע טעאַטער־געבײַדעס אין געטאָ. די שונד איז געווען אַן אויסדרוק פון די „קולטור“־באַדערפעניש פון יודענראַט און פון דער יידישער לומפּן־בורזשואַזיע. ס'האָט אויסגעפילט איין ווינקל פון זייער הפקרדיקן פאַרווײַלן זיך מיט טעאַטראַליזירטע פאָרמען פון הפקרות.

אָבער אויך דער פאַראָרעמטער ארבעטער און די פּראָלעטאַרישע אינטעליגענץ, די פּראָגרעסיווע טיילן פון האַנטווערקערטום, קליינבירגערטום, האָבן געהאַט א באַדערפעניש נאָך טעאַטראַלער אויסלעבונג, וואָס איז ווי שוין פריִער געזאָגט געוואָרן אַן עלעמענטאַרע באַדערפעניש פון ווארשעווער ייִדן. נישט ווי א הפקרדיק טאַנצן איבער מתים און קברים — ווי ס'איז געווען מיט דער לומפּן־בורזשוואַזיע און יודענראַטניקעס — נאָר א נויטווענדיקייט מיט קינסטלערישע איבערלעבונגען און בילדער אָנצוזעטיקן די פאַנטאַזיע, ארויסרופן מוח־רעגונגען, וואָס האָבן אפשר פאַרשטאַרקט דעם אויסדויער בײַ די שוידערלעכע באַדינגונגען, געשטאַרקט דעם גלויבן אין מפּלה פון היטלעריזם, אין נצחון פון ראַטן פאַרבאַנד. און אפשר האָבן ערגעץ־ווו אין א נשמה־ווינקל, די דאָזיקע רעגונגען געבוירן דעם געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט פון א ווידערשטאַנד, וואָס האָט אין א שפּעטערדיקן פּעריאָד ארויסגערופן דעם היסטאָרישן אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ.

פאַר די טיילן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג האָבן געדינט די פאָרשטעלונגען בײַ די בעסערע, פאָלקישע הויז־קאָמיטעטן — שוין אין זייער אָרגאַניזירטער פאַזע — די קאָנצערט־אומפּרעסעס פון דער „אַליינהילף“, די קינדער־פאָרשטעלונגען פון „צענטאָס“, דער לעצטער פּעריאָד פון דער טעטיקייט פון „עלדאָראַדאָ“־טעאַטער און דער טעאַטער־פּרווו אויף טלאָמאַצקע 5.

די צוויי שטראָמען פון יידישער טעאַטער־ארבעט אין ווארשעווער געטאָ דריקן אויס — אין גראָבע שטריכן — דעם סאָציאַלן פאַנאַנדערטיילונג אין געטאָ: דער שונדישער איז אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון דער נײַער געטאָ־אַריסטאָקראַטיע, פאָלקס־פאַררעטער, לומפּן־בורזשואַזיע, ווי א נאָך מער פאַרקריפּלטער המשך פון דעם פאַרמלחמהדיקן שונד־טעאַטער (קאָן אפשר האָבן זײַן אַנאַלאָגיע אין א מאָליקן טעאַטער פאַר „טמאים“ אין בוענאָס־אײַרעס) — ער האָט אין אַלגעמיין געדינט די דאָזיקע דעגענערירטע שיכטן; די ערנסטע פּרווון זענען אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון דער געטאָ־אָרעמקייט — דער ארבעטער, פאָלקסמענטש און פאָלקס־נאָענטן אינטעליגענט — און האָבן מיט זייער ארבעט אויסגעפירט די וויכטיקע מיסיע פון באַדינען קולטורעל, גײַסטיק קרעפטיקן די פּראָגרעסיווע שיכטן פון געטאָ.

אַז א באַדערפעניש נאָך יידיש טעאַטער איז געווען אפילו אין אַזעלכע שרעקלעכע באַדינגונגען, ווי אין געטאָ, דאַרף קיינעם נישט וווּנדערן. מיר האָבן אין באַזיץ מאַטעריאַלן, וואָס באַווײַזן אַז

1) דער „יודענעלטסטער“ פון זאַגלעמביער געטאָס, גאַנצווייכס אַ שוואָגער.



אפילו אין טויט־לאַגערן האָבן די קאַנדידאַטן אויף גאַז־קאַמערן ביזן לעצטן מאָמענט געקלאַמערט זיך אין טעאַטער־איבערלעבונגען. לויט עדות (געוועזענער לאַגערניק ה. העלמאַן פון לאָדזש) איז נאָך אין טויטנלאַגער מײַדאַנעק אײַזיק סאַמבערג אויפגעטרעטן מיט סצענקעס און רעציטאַציעס פאַר די אַרעסטאַנטן אין באַראַק. אין אַרבעטסלאַגער ניוקירכען הינטער וראָצלאַוו האָט אין יאָר 1943



אייזיק סאַמבערג

געגעבן קאָנצערטן דער ליבהאָבער ש. מאַיעווסקי פון לאָדזש (דערציילט פון געוועזענעם לאַגערניק דרעקסלער פון בענדין). דערזעלבער מאַיעווסקי זאָל נאָך אין 1945 יאָר האָבן אָרגאַניזירט יידישע פאָרשטעלונגען אין לאַגער גערליץ.

בײַ די ווארשעווער יידן איז יידיש טעאַטער געווען א לעבנס־באַדערפעניש אַזוי לאַנג, ווי עס האָט נאָך אָנגעהאַלטן בײַ זיי א געוויסע אילוזיע פון א לעבן. אין געטאָ האָט עס אָבער גאָר בולט אָנגענומען די פאָרעם פון צוויי שטרעמונגען: א רעאַקציאָנער־יודנראַטלערישער און א פּראָגרעסיוו־פאָלקישער.

ביידע שטרעמונגען זענען דערטרונקען געוואָרן אין ים פון בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן דורכן היטלעריסטישן אָקופּאַנט ביז דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון ווארשעווער געטאָ.

## .9

צו האָבן מיר באַשריבן דעם סוף פון דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין ווארשע? ניין! מיר האָבן זי דערווײַל דערפירט צו א געוויסן עטאַפּ. ווען די סאָוועטישע ארמיי האָט צוזאַמען מיטן פּוילישן פאָלקס־מיליטער באַפרײַט ווארשע אין יאַנואַר 1945, האָבן נאָר טיטאַנען פון אָפּטימיזם און אידעאָלאָגיש באַוואָפנטע מענטשן געקאָנט גלויבן, אַז ווארשע וועט נאָך אויפשטיין תחית־המתים. די אַנדערהאַלבן־מיליאָניקע „שטאָט פון טויזנט פאַרבן“ איז געלעגן אין חורבות, אײַנגעהילט אין רויך פון שריפות, מיט קוים צו געפינען סימנים פון א מענטשלעך לעבן צווישן די חורבות, אין דער אונטערערד פון קעלערס און בונקערס. אָבער אַזעלכע טיטאַנען פון אָפּטימיזם זענען געווען די פירער פון פאָלקס־פּוילן, וואָס האָבן באַשלאָסן: ווארשע מוז צוריק אויפגעבויט ווערן, אויפשטיין תחית־המתים, ווערן די הויפּט־שטאָט פון נײַעם פּוילן!

מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ענערגיע האָט דאָס פּוילישע פאָלק

אויפגענומען דעם רוף פון זײַן רעגירונג און אין עכט „וואַרשעווער טעמפּאָ" אָנגעהויבן צוריק אויפבויען זײַן באַליבטע הויפּטשטאָט.

יעדער טאָג האָט געברענגט אַן ענדערונג, יעדער טאָג האָט באַלעבט די שטאָט, אַלץ מער זי באַפעלקערט. און מיט דעם אַלגעמיינעם וווּקס פון דער שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן אויך צו באַווײַזן אירע תושבים זײַט הונדערטער יאָרן — די רעשטלעך פון די ייִדן. געציילטע, וואָס האָבן דורך פאַנטאַסטישע באַהעלטענישן באַוויזן איבערצוקומען די רדיפות, פאַרטיליקונג, חורבן און שריפות; צוריקקומענדיקע, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער אומגעגנט אויף דער אַרישער זײַט, אין בונקערס, אין וועלדער; געקומענע אַלס באַטייליקטע אין די קאַמפן פון באַפרײַערישן פּוילישן פאָלקס־מיליטער; צוריקגעקומענע פון ראַטן פאַרבאַנד, ווו זיי האָבן זיך געראַטעוועט בעת דער מלחמה.

שוין אין די ערשטע חדשים נאָך דער באַפרײַונג — אויפטריטן פון עטלעכע געראַטעוועטע ייִדישע קינסטלער פון וואַרשעווער געטאָ.

אָנהייב 1946 קומען צוריק פון ראַטן פאַרבאַנד די אַלטע ייִדישע אַקטיאָרן שימחה נאַטאַן און נאָך אייניקע (געקומענע פּריוואַט, אָדער מיטן מיליטער); זיי פאַראייניקן זיך מיט געראַטעוועטע אין די לאַגערן און שטעלן שלום־עליכמס „דעם בלוטיקן שפּאַס", שפּילנדיק אויך אַפּאָר פאָרשטעלונגען אין וואַרשע. אין יולי 1946 שטאַרבט דאָרט דער גלענצנדיקער כאַראַקטער־אַקטיאָר און טעאַטער־אָרגאַניזאַטאָר שימחה נאַטאַן, וועלכער געפינט זײַן אייביקע רו אויפן וואַרשעווער בית־עולם, נישט ווײַט פון דעם גאַנץ־געבליבענעם קבר און מצבה פון אסתּר־רחל קאַמינסקי.

וואַרשע וואַקסט מיט יעדן טאָג אַלץ מער אַרויס פון חורבות, עס וואַקסט די ייִדישע באַפעלקערונג און איר באַדערפעניש נאָך ייִדיש טעאַטער. קומען דערווײַל געציילטע רעווי־פאָרשטעלונגען פון לאָדזשער ייִדישן טעאַטער, קאָנצערט־אויפטריטן פון געסט און — צום פינפטן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, פאַר די וואַרשעווער ייִדן און הונדערטער געסט, וואָס זענען געקומען פון דער וועלט צו דעם אָפּדעקן דעם דענקמאָל פון ייִדישער גבורה — שפּילט דאָס „נידערשלעזישע ייִדישע טעאַטער" אינעם ריזיקן טעאַטערזאַל פון זיכערהייטס־מיניסטעריום צוויי זײַנע פאָרשטעלונגען: „די גרינע פעלדער" פון פּרץ הירשביין און גאָרדינס „מירעלע אפרת" מיט אידאַ קאַמינסקאַ. זײַט דאַן קומען שוין ספּאָראַדיש מיט זייערע פאָרשטעלונגען קיין וואַרשע דאָס לאָדזשער און נידערשלעזישע ייִדישע טעאַטער.

פון מערץ 1949 ווערט אין וואַרשע, אויף פּראַגע, נעבן די חורבות פון דער אַלטער שיל פון שמואל זביטקעווער, אין דעם צוריק אויפגעבויטן בנין פון דער אַ מאָליקער קהילה־שיל אויף יאַגעלאָנסקע 28 — דערעפנט אַ קליינער ייִדישער טעאַטער־בנין, וואָס ווערט דער אָפטער גאַסטגעבער פון ייִדישן טעאַטער. דאָס טעאַטער, בעיקר — די בינע, — איז צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר די באַשיידענע באַדערפענישן פון דעם דאַן קאָנפּאַקטן ייִדישן וואַרשע, איז אָבער גיך געוואָרן צו קליין פאַר דעם אויסגעוואַקסענעם ייִדישן מלוכה־טעאַטער, וואָס איז אויפגעקומען סוף 1949 אַלס רעזולטאַט פון דער פאַראייניקונג פון לאָדזשער מיטן נידערשלעזישן ייִדישן טעאַטער. צו קליין אויך פאַר דער כסדר־וואַקסנדיקער ייִדישער באַפעלקערונג אין וואַרשע.

דינט שוין דאָס ייִדישע טעאַטער אויף יאַגעלאָנסקע 28 נאָר פאַר קליינע, קאַמעראַלע אויפפירונגען פון ייִדישן מלוכה־טעאַטער און פאַר די פאַרנעמפולע אויפפירונגען זענען נייטיק גרויסע טעאַטערס מיט גרויסע בינעס. קומט אויס צו שפּילן אין פאַרשידענע טעאַטער־זאַלן אין וואַרשע: „דאָס טעאַטער פון פּוילישן מיליטער" אויף קרולעווסקע 5, „פּאָווישעכני" אויף פּראַגע, „טעאַטער פון נײַעם וואַרשע", מאַרשאַלקאָווסקע 8, „אַטענעום", אויף יאַראַטשאַ און אפילו אין נאַציאָנאַלן טעאַטער, אין „טעאַטער נאַראָדאָווי" אויפן טעאַטערפּלאַץ, אין וועלכן עס זענען געשפּילט געוואָרן אייניקע גרויסע אויפפירונגען פון ייִדישן מלוכה־טעאַטער: אַ. פּאָפּאָווס „פאַמיליע" (וועגן די יוגנט־יאָרן פון וול'. לענין), די פּרץ־אויפפירונג „אַ מאָל איז געווען", בינעם העלערס „אַ שטוב אין געטאָ".

אין דורכשניט שפּילט שוין איצט דאָס ייִדישע מלוכה־טעאַטער צו פיר פאָרשטעלונגען אַ חודש אין וואַרשע און די צאָל פון זײַנע שטענדיקע באַזוכער וואַקסט באַדײַטנדיק מיט יעדן יאָר. אַ „גאָלדפאַדען־חלום" איז שוין געשפּילט געוואָרן אין וואַרשע איבער צוואַנציק מאָל, ווערנדיק באַוווּנדערט דורך אַ זעקס טויזנט צושויער; „מאיר עזאָפאָוויטש" האָט אין זיבן מאָל שפּילן פאַרזאַמלט פיר טויזנט צושויער און וועט נאָך אַ סך מאָל געשפּילט ווערן אין וואַרשע, פּונקט ווי אַ ריי אַנדערע פּיעסעס.

דער אינטערעס צום ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין וואַרשע איז אַזוי גרויס, אַז עס שטראָמען אויף זײַנע פאָרשטעלונגען גרויסע גרופּעס פון פּוילישע אַרבעטער־קרײַזן, פון די ליטעראַטור־ און קונסט־קרײַזן, פון דער פּוילישער אינטעליגענץ. אין אַנדערע אויסמעסטן, אַנדערע באַדינגונגען, פאָדערונגען און קולטור־ניוואָ, — חזרט זיך איבער אַן ענלעכע דערשײַנונג, ווי מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, בײַם וויגעלע פון ייִדישן טעאַטער. אויך דאָרט זענען זיך צונויפגעקומען אויף די פאָרשטעלונגען זײַנע ייִדישע און פּוילישע פאָלקס־מענטשן פון וואַרשע, בשותּפות הנאה־געהאַט פון דעם באַליבטן קינד פון דער ייִדישער פאָלקס־קולטור — פון ייִדישן טעאַטער.

וואַרשע וואַקסט כסדר מיט אירע „וואַרשעווער טעמפּאָ". עס קומען צו נײַע ווינקעלעך, עס פאַרשווינדן די חורבות, עס וואַקסן נײַע גאַסן, נײַע זוניקע בנינים, מיט דעם מאָנומענטאַלן קולטור־פּאַלאַץ אויפן נאָמען פון י. סטאַלין (אַ מתּנה פון דער סאָוועטישער רעגירונג פאַר דעם זיך ווידערבויענדיקן וואַרשע), וועלכן מען זעט שוין אין זײַן פולער פּראַכט אין צענטער פון דער שטאָט און זײַן סילועט — אין קרײַז פון פופציק קילאָמעטער אַרום וואַרשע.

עס וואַקסט אויך די באַדערפעניש נאָך ייִדיש טעאַטער אין וואַרשע, עס וואַקסן די רייען נאָך בילעטן, ווען דאָס ייִדישע מלוכה־טעאַטער קומט שפּילן קיין וואַרשע.

און ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום, ווען די שטאָט וועט זײַן פולשטענדיק צוריקגעבויט, ווען זי וועט נאָרמאַל אָנהייבן צו לעבן מיטן לעבן פון אַן אַנדערהאַלבן — אָדער צוויי־מיליאָניקן שעפערישן מענטשלעכן קיבוץ, וועט דאָס ייִדישע טעאַטער צוריק געפינען זײַן שטענדיקע היים אויפן אָרט, ווו עס איז געשטאַנען זײַן וויגעלע, אין —

„וואַרשע, די שטאָט פון טויזנט פאַרבן".

וראָצלאַוו, נאָוועמבער 1953

י. סטוטשעווסקי (תל־אביב)

# די מוזיק און דאָס מוזיקאַלישע לעבן אין וואַרשע

מוזיק שפּילט אין לעבן פון פעלקער אַ וויכטיקע ראָלע. בײַ קיין שום פאָלק קומט נישט פאָר קיין פײַערונג, חתונה, אָדער יום־טוב, און אפילו נישט דאָס אָפּריכטן תפילות, אָן געזאַנג און טענץ. אויך בײַ ייִדן איז מוזיק אַ געטרײַע אָפּשפּיגלונג פון זייער לעבנס־אינהאַלט און פון זייערע טראַדיציעס אין משך פון זייער גאַנצער געפּאַרפּולער געשיכטע.

שוין אין די ביבלישע צײַטן האָט מוזיק אין רעליגיעזן און אויך אין נישט־רעליגיעזן לעבן פון ייִדישן פאָלק פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט. נאָך דעם ווי ייִדן האָבן זיך צעשפּרייט אין אַ סך לענדער איז דאָס לייענען פאַרבונדן געווען מיט אַ געװיסע פאַרצייכנט מוזיקאַליש אויסזינגען די ווערטער (אַ מין נאָטן־צייכן איבערן וואָרט, אָן אַקצענטירונג, אָדער טראָפּ). אַזוי זענען אויך די וויינענדיקע מעלאָדיעס פון די קלאָגלידער (קינות), דאָס אויסזינגען תהילים, דאָס התלהבותדיקע גאָט־דינען פון די חסידים מיט זייער זינגען און טאַנצן, וואָס ברענגט אַרויס אַ גוואַלדיקן מוזיקאַליש־שעפערישן כוח. צו דעם קומען צו די האַרצרײַסנדיקע ייִדישע פאָלקסלידער, צווישן זיי די וויכטיקע אַרבעטסלידער געזונגען סײַ בײַ די יחידישע אַרבעטן, סײַ בײַ די בשותפותדיקע, און סײַ בײַ די הויזאַרבעטער. און צו דעם די פאַרכאַפּנדיקע מוזיק פון די כלי־זמרים, וואָס דאָס אַלץ איז אַ געניגנדיקער באַווײַז אַז מוזיק, זינגען און טאַנצן איז בײַ ייִדן פון די עלטסטע צײַטן גאָר אַווירקלעכע לעבנסנויטווענדיקייט. די גרעסטע לײַדן און די שרעקלעכסטע פּײַן זענען נישט בכוח געווען צו דערשטיקן בײַ ייִדן די באַדערפעניש צו אַ מוזיקאַליש אויסלעבן זיך און צו פאַרווײַלונגען.

די ייִדיש־מוזיקאַלישע אַנטוויקלונג, פאַרבונדן מיט דער טראַדיציע, ציט זיך אין אַ נישט־איבערגעריסענער ליניע פון די עלטסטע צײַטן אָן. צו ערשט איז געווען רעליגיעזע און פאָלקסמוזיק, אין מיטל־עלטער זענען דערשינען פּורים־שפּילער, ס'איז אַרײַן אין געברויך חתונה־מוזיק און ס'האָבן זיך באַוויזן וואַנדערנדיקע כלי־זמרים. דערנאָך קומען אויף די בדחנים ווי שלמה בילוא, דער שלמה השחקן, געשטאָרבן אין 1862 — אַ בדחן וואָס האָט נאָך פאַר דער גאָלדפאַדען־עפּאָכע און פאַר די בראָדער זינגער פאַרווײַלט די ייִדן אין די שטעט און שטעטלעך מיט שפּילן ייִדיש טעאַטער. ס'קומען אויף דורות כלי־זמרים, ס'פאַרגרעסערט זיך די צאָל פאָלקזינגערס און ס'אַנטשטייט ענדלעך דאָס ייִדישע טעאַטער, וואָס וואָלט זיכער דאָן אָן מוזיק און געזאַנג, נישט געהאַט קיין קיום. אַ סאַך לידער און קופּלעטן וואָס זענען אַרײַנגעדרונגען אין פאָלק זענען געשאַפן געוואָרן אויף די טעאַטער־ברעטער און פון דאָרט געוואָרן פּאָפּולאַריזירט.

אַזוי אַרום איז געשיכטלעך געגוג דערקלערלעך דאָס אַנטשטיין פון אַ פאָלקסמוזיק־גײַסט בײַ ייִדן, פון אַן אייגענעם מוזיק־פאָלקלאָר. דאָס אויסלעבן זיך פון גאַנצע דורות אין אַן אייגענעם קולטורקרײַז, אין אַן אייגענער גײַסטיקייט און שפּראַך, האָט גורם געווען צו אַן אייגענעם פאָלקסטימלעכן מוזיק־אויסדרוק, אַרויסגעבראַכט אין אייגנאַרטיקע ייִדישע מוזיק־שאַפונגען. דאָס באַציט זיך ספּעציעל צו די מזרח־ייִדן, וועמעס ניגונים און כאַראַקטעריסטישע ריטמיק זענען פון אַ פולשטענדיק אייגענער פאָרמירונג.

נישט בלויז דער געאָגראַפישער פאַקטאָר נאָר אויך די צוגעהעריקייט צו אַ געוויסער קולטור, באַשטימען דעם אויסדרוקס־אינהאַלט פון דער מוזיק בײַ יעדן פאָלק. ס'איז נישט קיין צופאַל וואָס די מזרח־ייִדן, וועלכע האָבן געשעפּט זייער מוזיקאַלישע יניקה פון די „ביבלישע געזאַנגען", פון דער „כלי־זמרים־מוזיק" און פון די פאָלקסלידער, האָבן געשאַפן אַן אייגענע „מוזיק־לאַנדשאַפט".

דער ייִדישער לעבנסרוים אין מזרח־אייראָפּע האָט באַוויזן אַרויסצוברענגען כאַראַקטעריסטישע פאָרמען פון אַן אייגנאַרטיקער, לעבעדיק־פולסירנדיקער און אויסערגעוויינלעך שעפערישער מוזיק.

די כלי־זמר משפחות, טיף אײַנגעגלידערט אין ייִדישן פאָלקסלעבן אין אַלע לענדער וווּ ייִדן האָבן זיך געפונען, האָבן געשאַפן אַן אייגענע געמיינשאַפט, וואָס, שטיצנדיק זיך אויף די אייגענע כוחות, האָבן זיי באַוויזן אַרויסצוברענגען גאַנצע דורות כלי־זמרים און אויסגעהאַלטן זיי ביזן 19טן יאָרהונדערט, ווען אַ טייל פון זיי האָט שוין דערגרייכט די קאָנסערוואַטאָריעס און אַלס אויסגעבילדעטע מוזיק־ווירטואָזן האָבן זיי זיך אָפּגעטיילט פון דער געמיינשאַפט און געשאַפן אַן אייגענע ייִדישע ווירטואָזן־עליטע. דאַן האָבן די כלי־זמרים זיך געזען געצוווּנגען צו פאַרזיכערן זייער אַקטיוויטעט אַלס געמיינשאַפט. זייער מוזיק — אַן אינטויִטיווע און אויגנבליקלעך אַן אימפּראָוויזירטע אין אַ צושטאַנד פון באַגײַסטערונג, אַן אָפּשפּיגלונג פון זייער צײַט און סביבה, פון זייער מוזיקאַליש עמאָציאָנעלער טרײַבקראַפט — שטאַמט אָפּ פון דעם אוראַלטן מוזיקאַלישן טרײַב־כוח. די מוזיק איז געווען זייער לײַדנשאַפט, די מעכטיקסטע ספּרונזשינע פון זייער כלי־זמרשער עקסיסטענץ.

**פאָלקסלידער.** פּונקט ווי די פאָלקסלידער פון אַנדערע פעלקער איז אויך דאָס פאָלקסליד בײַ ייִדן אַן אויסדרוק פון אַ געמיינזאַמען פילן. אַ ליד פון אַ צופעליקן דיכטער און מוזיקער, אָדער גאָר געשאַפן פון אַ פּשוטן מענטש, קען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ריכטיק פאָלקסליד אויב ס'באַווײַזט זיך אַרײַנצודרינגען אין די ברייטע פאָלקסמאַסן. ייִדישע לײַדן, עלנט און צער, ייִדישע בענקשאַפטן, פאַרלאַנגען און אויפגעפלאַקערטע האָפענונגען — דאָס

אַלץ קומט צום אויסדרוק אין פֿאָלקסליד, אַרויסגעבראַכט אין צאַרטע ריטמען און אין פּשוטע מעלאָדיעס. דעריבער זענען די לידער פֿון די מזרח־ייִדישע דיכטערס און מוזיקערס אין פּוילן זין פֿון וואָרט ייִדיש פֿאָלקס־פאַרמעגן.

**חסידישע מוזיק.** דער טיפֿער גלויבן פֿון די חסידים און זייער אומאָפּפרעגלעכער צוטרוי צו אַלץ וואָס גאָט טוט האָט בײַ זיי געשאַפֿן אַ ספּעציפֿישע נייגונג אויסצודריקן זייער התלהבות דורך פריידיקע געזאַנגען — אַ מין מוזיקאַלישע מאַניפֿעסטירונג וואָס האָט זיך בײַ זיי אַנטוויקלט און מיט דער צײַט זיך טיף אײַנגעוואָרצלט. אַזוי איז אַנטשטאַנען דער ניגון וואָס האָט פֿאַרבונדן די גאַנצע חסידישע באַוועגונג. דער חסידישער ניגון ברענגט אַרויס די פֿאַרשידנאַרטיקייט פֿון ייִדישן גײַסט און איז אַ ווערטפֿולער דאָקומענט פֿון דער ייִדישער מוזיקאַלישער באַגאַבקייט און באַווײַזט אויך ווי שטאַרק ס'איז אַרײַנגעדרונגען בײַם ייִדישן פֿאָלק די באַדערפֿעניש נאָך מוזיק.

די גאַנצע וויטאַליטעט פֿון ייִדישן פֿאָלק קומט בולט צום אויסדרוק אין דער מזרח־ייִדישער פֿאָלקסמוזיק. זי ברענגט אַרויס אַ סך באַדײַטנדיקע אייגנאַרטיקע עלעמענטן און נישט נאָר זי פֿאַרלייקנט נישט איר נאַציאָנאַלן כאַראַקטער נאָר זי הייבט זיך באַדײַטנדיק אַרויס פֿון צווישן דער פֿאָלקסמוזיק פֿון אַנדערע פֿעלקער. די צאָלרײַכע פֿאָלקסלידער און פֿאָלקסטענץ, צוזאַמען מיט דער שטאַרק אײַנפֿאַלערישער כּלי־זמר מוזיק, שאַפֿן אַן אומצעשטערלעכן מאָנומענט פֿון דער מזרח־ייִדישער מוזיק־קולטור.

## ייִדישע מוזיק אין וואַרשע.

צוליבן מאַנגל אין היסטאָריש־דאָקומענטירטן־מאַטעריאַל איז געווען אוממעגלעך פֿעסטצושטעלן די פֿולשטענדיקע פּרעציזקייט פֿון די דאַטעס וואָס זענען אָנגעגעבן אין דער אַרבעט. איך האָב זיך אָבער באַמיט אַרויסצוברענגען דאָס וואָס איז יאָ פֿעסטגעשטעלט וועגן די ייִדיש־מוזיקאַלישע שאַפֿונגען אין וואַרשע און וועגן דער באַטייליקונג פֿון ייִדישע מוזיקער אין דעם פּוילישן מוזיקאַלישן לעבן פֿון וואַרשע. לעבן די באַקאַנטע נעמען פֿון די וואַרשעווער ייִדישע מוזיק־שעפֿערס, וועגן וועלכע עס וועט ווײַטער זײַן די רייד, ווילן מיר, אויך דערמאָנען מיט אַ געפֿיל פֿון יראת הכבוד אין דער ערשטער ריי די יעניקע וואָס האָבן אַזוי פֿיל בײַגעטראָגן פֿאַר דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון ייִדישן ליד און ייִדישער מוזיק, כאָטש זיי האָבן געאַרבעט אַנאָנים און זייערע נעמען זענען געבליבן אומבאַקאַנט.

איינער פֿון די באַקאַנטסטע זאַמלער און פּאָפּולאַריזירער פֿון ייִדישן מזרח־אייראָפּעיִשן פֿאָלקסליד איז געווען מנחם קיפּניס (געבוירן אין 1878 אין אושאָמיר, וואָלין, געשטאָרבן אין 1942 מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין וואַרשעווער געטאָ) ווי אַ זון פֿון אַ חזן האָט מנחם שוין אַלס ייִנגל אַ סך געזונגען. ער איז געפֿאָרן קיין זשיטאָמיר און בערדיטשעוו, געזונגען בײַ ניסן בעלזער און בײַ ראַזוּנערן, מיט וועלכן ער איז אַרומגעפֿאָרן איבער גאַנץ וואָלין, פּאָדאָליע, בעסאַראַביע, ליטע און פּוילן. זײַן מוזיק־שטודיום האָט ער דורכגעמאַכט אין דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע און דערבײַ זיך אויך פּריוואַט געלערנט בײַ בענסמאַנען. אין יאָר 1902 טרעט קיפּניס אויף אַלס טענאָר אין כאָר פֿון דער וואַרשעווער מלוכה־אָפּערע וווּ ער פֿאַרבלײַבט שוין כּמעט 16 יאָר. גלײַכצײַטיק איז ער געווען ליטעראַריש טעטיק אין די העברעיִשע צײַטונגען און צײַטשריפֿטן — אין „הצופֿה", „המליץ", „הײַנט", די „טעאַטער־וועלט" און „דער שטראַל". אין די „ראָמאַן־צײַטונג" האָט ער געהאַט אַ שטענדיקע רובריק אונטערן נאָמען: „מוזיקאַלישער אַלבום". אין יאָר 1913 הייבט קיפּניס אָן צו זאַמלען ייִדישע פֿאָלקסלידער און כּדי זיי צו פּאָפּולאַריזירן טרעט ער מיט זיי אויף אין אַ סך קאָנצערטן צוזאַמען מיט זײַן פֿרוי. אין 1918 גיט ער אַרויס „60 ייִדישע פֿאָלקסלידער", אין 1925 — „80 ייִדישע פֿאָלקסלידער", אַ טייל פֿון זיי האָבן מיט פּיאַנאָ־באַגלייטונג באַאַרבעט מ. בענסמאַן, קאָלבאַק און אַשמירסקי. נאָך אין 1912 האָט קיפּניס פֿאַרעפֿנטלעכט די ביכלעך „באַרימטע ייִדישע מוזיקערס" און „ניסים ונפֿלאות". אין מאַנוסקריפּט האָט ער איבערגעלאָזט זײַנע „ייִדישע כּלי־זמר אין פּוילן" און „פֿון פּרימיטן פֿאָלקסליד ביז צו ייִדישער סימפֿאָנישער מוזיק". נאָך זײַן טויט איז דערשינען אין אַרגענטינע אַ באַנד אויסגעווײלטע לידער פֿון זײַנע זאַמלונגען מיט אַ ביאָגראַפֿישן אַרײַנפֿיר. אין די 40 יאָר פֿון זײַן לעבן אין וואַרשע האָט מנחם קיפּניס זיך פֿולשטענדיק צונויפֿגעוואַקסן מיטן דאָרטיקן ייִדישן לעבן און איז געוואָרן שטאַרק אָנגעזען ווי אַ זינגער און פֿעליעטאָניסט.

זײַן פֿרוי זימרה זעליגפֿעלד איז געווען אַ מלמדס אַ טאָכטער, אַ געבוירענע אין וואַרשע, זי האָט געהאַט אַ שיינע סאָפּראַנשטים און אונטער דער מוזיקאַלישער אָנפֿירונג פֿון קיפּניסן איז זי אויסגעוואַקסן אין אַ פֿײַנער אינטערפּרעטירערין פֿון ייִדישן פֿאָלקסליד. צום מערסטנס פֿלעגט זי אויפֿטרעטן צוזאַמען מיט איר מאַן, אויך דאַן ווען ביידע האָבן זיך געפֿונען אין געטאָ. קורץ נאָך קיפּניסעס טויט איז זי פֿאַרשלעפּט געוואָרן קיין טרעבלינקע.



זמרה זעליגפעלד



מ. קיפניס

**יהודה לייב כהן.** (געבוירן 1881 אין ווילנאָ, געשטאָרבן 1937 אין ניו־יאָרק) איז געווען אַ פּאַרדינסטפולער און געוויסנהאַפטער פאָלקלאָריסט. צו זעקס יאָר איז ער אָנגעקומען קיין וואַרשע און אַ דאַנק זײַן אומדערמידלעכער אַרבעט האָט ער באַוויזן צווישן די יאָרן 1896 און 1901 צונויפצושטעלן אַ וויכטיקע זאַמלונג פון פאָלקסלידער. דער ייִדישער מוזיקער רוסאָטאַ האָט פאַרצייכנט די מעלאָדיעס פון די דאָזיקע פאָלקסלידער און אין 1912 איז פון זיי דערשינען אין ניו־יאָרק 2 בענד „ייִדישע פאָלקסלידער מיט מעלאָדיעס פון פאָלקס־מויל" (צווייטע אויפלאַגע דערשינען אין 1920). כהן האָט אויך אָנגעשריבן אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג „פאָלקסגעזאַנג און פאָלקסליד" (פאַרעפנטלעכט אין „לאַנדאַו־בוך" פון ייִוואָ. כהן האָט נאָך אין 1901 אויסגעוואַנדערט קיין לאָנדאָן און פון דאָרט קיין אַמעריקע).

---

פון די עלטסטע צײַטן האָט מען בעתן דאַווענען אין די שילן זיך באַנוצט מיט כאָרגעזאַנגען וואָס איז אָפט געווען אויסגעצייכנט. ווער דערמאָנט זיך דאָס נישט די פּרעכטיקע אַלטשטימען מיטן פאַרכאַפּנדיקן סאָלאָ־געזאַנג פון די יונגע משוררימלעך? נישט זעלטן זענען די דיריגענטן פון די דאָזיקע כאָרן געווען געשולטע מוזיקערס וואָס האָבן געוווּסט ווי אַזוי צונויפצושטעלן כאָרן און ווי זיי אָנצופירן: אָפט האָבן זיי אַפילו אַליין געשריבן קאָמפּאָזיציעס און געוווּסט ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען גוט־קלינגנדיקע כאָראַלע געזאַנגען. גראָד האָבן זיך אין וואַרשע געפונען אַ גאַנצע ריי העכסט־באַגאַבטע ייִדישע כאָר־דיריגענטן, אמתע מוזיקאַלישע טאַלאַנטן.

איינער פון די באַקאַנטסטע כאָר־דיריגענטן אין וואַרשע איז געווען דוויד אײַזנשטאַט (1890—1943) זינט 1921 איז ער דיריגענט פון די וואַרשעווער קאָרשיל און זינט 1936 פירט ער אויך אָן מיטן שטודיום פון דער חזנות־אָפּטיילונג אין ייִדישן מוזיק־אינסטיטוט „ווים". גלײַכצײַטיק איז ער אויך געווען דיריגענט פון פאָלקס־כאָר פון דער „קולטור־ליגע" און פון כאָר פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע. צוזאַמען מיט אַ. פּראַגערן האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם „אַלגעמיינעם מוזיק־לעקסיקאָן", וואָס איז געווען די ערשטע ייִדישע מוזיק־ענציקלאָפּעדיע, לײַדער זענען דערפון בלויז דערשינען אין 1935 די ערשטע צוויי העפטן. אײַזנשטאַט איז אויך געווען אַ באַגאַבטער קאָמפּאָזיטאָר. בעת זײַן לעבן איז גאָר נישט געדרוקט געוואָרן פון זײַנע ווערק און שפּעטער זענען זײַנע מאַנוסקריפּטן אומגעקומען צוזאַמען מיט אים אין טרעבלינקע. אויף וויפל עס איז אונדז באַקאַנט האָט ער אָנגעשריבן מוזיק צו לייוויקס „גולם" און אַן אָראַטאָריע לויט מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַס ליד: „ווען דער מלך איז אַרויס אין קריג" און אַ סך שאַפונגען פאַר כאָר און פאָלקסלידער.

אײַזנשטאַטס טאָכטער מאַרישאַ (1922—1943) האָט פון קליינערהייט אָן געשפּילט פּיאַנאָ און צו 18 יאָר איז זי שוין אויפגעטרעטן אַלס דערפאָלגרײַכע זינגערין אין ישראל־לידער אויף העברעיִש און אין פאָלקסלידער אויף ייִדיש. דערנאָך אין געטאָ איז זי באַרימט געוואָרן אַלס די „נאַכטיגאַל פון וואַרשעווער געטאָ". ווען זי פלעגט זינגען אין דער טעאַטער „פעמינאַ", וואָס האָט געהאַט 1000 פּלעצער, אַלע מאָל געווען פול. אויך זי איז אויף אַ טראַגישן אופן אומגעקומען. ווען מען האָט מאַרישאַן אַרויסגעפירט פון געטאָ צוזאַמען מיט אירע עלטערן איז זי אין דעם טויטנמאַרש געווען איינע פון די לעצטע, אָן „איבעריקע" און אויסער דער ריי. זי האָט דעריבער נישט געקענט מיטגיין און וואָלט געדאַרפט בלײַבן און אַזוי אַרום זיך ראַטעווען. אָבער מאַריאַשאַ האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן די עלטערן און זי האָט אַ ווײנענדיקע זיך געבעטן בײַ די



דײַטשן אַז מ׳זאָל איר לאָזן מיטגיין. ווען מ׳האָט זי ברוטאַל צוריקגעשטויסן און זי האָט זיך דאָך צוריקגעקערט, האָט אַ דײַטש פאַר די אויגן פון די עלטערן זי דערשאָסן.

**יצחק שלאָסבערג** (1877—1930) האָט אָנגעהויבן ווי אַ דיריגענט פון אַ שילכאָר און איז דערנאָך אַריבער צום טעאַטער. י. שלאָסבערג איז געבוירן אין פּעטערבורג אָבער שוין גאַנץ יונג קומט ער אָן קיין וואַרשע, ווו ער ווערט דיריגענט פון דער גרויסער שיל, שליסט זיך אָן אין „ישורון" און דערנאָך דיריגירט ער אויך אין פאַרשידענע ייִדישע טעאַטערס. ער פּאַסט צו מוזיק צו פאַרשידענע תפילות פון וועלכע אייניקע זענען שטאַרק באַרימט געוואָרן צוליב דעם וואָס עס האָט זיי געזונגען דער גרויסער חזן סיראָטאַ און ווײַל זיי זענען אויך אויסגעקריצט געוואָרן אויף גראַמאָפאָן־פּלאַטן.

אויסער אין די שילן איז לכתחילה דאָס קולטיווירן כאָרגעזאַנג בײַ ייִדן געווען ווייניק פאַרשפּרייט. ערשט נאָכן ריזיקן דערפאָלג פון די כאָר קאָנצערטן פון לאָדזשער געזאַנג־פאַראיין „הזמיר", וואָס איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין וואַרשע אויף עטלעכע אויפטריטן אַ דאַנק די באַמיִונגען פון פּרצן און סאָקאָלאָוון — ערשט דאַן איז אויך אין וואַרשע רײַף געוואָרן דער געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט צו קולטיווירן ייִדיש כאָרגעזאַנג. אַזוי איז אין 1908, אַנטשטאַנען דער וואַרשעווער „הזמיר־כאָר", וואָס האָט שפּעטער געציילט ביז 150 זינגער און זינגערינס. דער „הזמיר־כאָר", וואָס האָט זיך באַזונדער געווידמעט דעם ייִדישן פאָלקסליד, איז געוואָרן דער מיטלפּונקט פון ייִדישן מוזיק־לעבן אין וואַרשע און האָט אַ סך בײַגעטראָגן צו דער באַרײַכערונג און פאַרשפּרייטונג פון ייִדישן פאָלקסליד.

דער ערשטער דיריגענט פון וואַרשעווער „הזמיר" איז געווען לעאָ ליאָוו (געבוירן אין 1878). שוין צו 15 יאָר דיריגירט ליאָוו דעם גרויסן כאָר אין דער ווילנער שטאָטישער שיל, אָבער זײַן געזאַנג־שטודיום זעצט ער פאָר. צו 21 יאָר פאַרענדיקט ער די וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע און דאַן הייבט זיך אָן זײַן וואַנדערונג איבער פאַרשידענע שטעט. ערשט אין 1908 קערט ער זיך אום קיין וואַרשע ווו ער נעמט איבער די אָנפירונג פון דעם גוט־דיסציפּלינירטן כאָר פון דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע. אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן בלײַבט ער ביז 1920. ליאָוו האָט באַאַרבעט אַלטע מוזיק און אויך געשריבן אַ סך אייגענע קאָמפּאָזיציעס, מיט וואָס ער האָט אַ סך באַרײַכערט און קינסטלעריש דערהויבן דאָס רעליגיעזע געזאַנג.



ז. שנייער

ער האָט זיך אײפֿעריק אָפּגעגעבן מיט קולטיווירן דאָס ייִדישע פֿאָלקסליד און זײַנע שטימונגספֿולע באַאַרבעטונגען פֿון די פּאָפּולערע פֿאָלקסלידער באַווײַזן ווי דערפֿאָלגרײַך ער איז געווען אין זײַנע באַמיִונגען אויף דעם געביט. אין 1920 פֿאָרט ליאָוו קיין נאָרדאַמעריקע.

זײַן נאָכפֿאָלגער אין דער לייטונג פֿון „הזמיר" איז געווען דער נישט־ווייניקער באַגאַבטער זלמן שנייער, וואָס האָט אויך גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַרן דערגרייכטן הויכן ניוואָ פֿון וואַרשעווער געזאַנגס־כאָר. די טראַגעדיע פֿון ייִדישן פֿאָלק האָט אויך געמאַכט אַ סוף צו זײַן פֿרוכטבאַרער טעטיקייט. זלמן שנייער איז געשטאָרבן פֿון הונגער.

זאָל נאָך צום סוף דערמאָנט ווערן דער כאָר־דיריגענט פֿון „התחיה", יצחק בוימלגרין (געבוירן אין יאָר 1892). ער איז געווען באַקאַנט אַלס גוטער חזן און טעאַטער־זינגער און האָט אויך געהאַט גרויסע פֿעיִקייטן צו קאָמפּאָזיציעס.

---

ביזן סוף 18טן און אָנהייב 19טן י"ה איז צווישן די מזרח־ייִדישע כלי־זמרים געווען גאַנץ ווייניק אַזעלכע וואָס האָבן געקענט שפּילן פֿון נאָטן. אַלע מעגלעכקייטן און די גאַנצע אַנטוויקלונג פֿון דער פֿאָלקסטימלעכער ייִדישער מוזיק האָבן זייער אורקוואַל אין ספּאָנטאַנע אײַנפֿאַלן און אימפּראָוויזאַציעס וואָס האָבן אָן שום קענטעניש פֿון נאָטן, בלויז געקענט ווערן אויפֿגעהאַלטן און איבערגעגעבן פֿון מוזיקער צו מוזיקער, פֿון משפּחה צו משפּחה און פֿון אינסטרומענט צו אינסטרומענט אַ דאַנק לאַנגע איבונגען. ערשט שפּעטער און דורך אַ לאַנגזאַמען פּראָצעס בירגערט זיך אײַן בײַ זיי דאָס שפּילן פֿון נאָטן און מען הייבט בכלל אָן ערנסט צו שטודירן מוזיק. דאָס אַרײַנדרינגען פֿון מוזיקאַלישער בילדונג און דאָס פּאַכמענישע פֿאַרפֿולקומען זיך דערין איז געוואָרן דער אויסגאַנגפּונקט פֿון אַ נײַער עוואָלוציע בײַ די ייִדישע מוזיקערס פֿון מזרח־אייראָפּע. ווײַטער געבראַכטע נעמען פֿון מוזיקערס און קאָמפּאָזיטאָרן האָבן מיט זייער טעאָרעטישער צוגרייטונג און מיט זייערע מוזיקאַליש־טעכנישע קענטענישן בײַגעטראָגן אַ גרויסן צושטײַער צום געבן אַ מוזיקאַלישן תיקון דעם מזרח־ייִדישן ליד און צו דער באַרײַכערונג פֿון ייִדישן כאָר־רעפּערטואַר.

**אברהם צבי דאַווידאָוויטש** איז געווען מוזיק־לערער אין דער תרבות־שול און אין רעגירונגס־סעמינאַר פֿאַר לערערס; ער איז אויך געווען דיריגענט אין דער נאָזשיק־שיל און האָט געשאַפֿן ליטורגישע מוזיק ווי אויך פֿאָלקסטימלעכע לידער פֿאַר כאָרן. ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ לידער־זאַמלונג „מנגינות" און אַ לערנבוך פֿאַר סאָלפֿעדזשיאָ.

**יעקב גלאַטשטיין** — דער לערער פֿון געזאַנג אין גימנאַזיע „יהודיה", דיריגענט פֿון כאָר „צוקונפֿט" פֿון דער בונדישער יוגנט און פֿון קינדערכאָר אין דער „צישאָ"־שול. אויך שפּעטער, שוין אין דער געטאָ צײַט, האָט גלאַטשטיין אָרגאַניזירט קינדערכאָרן און האָט פֿאַר זיי געשאַפֿן אייגענע לידער, אין דער מיט פֿון זײַן פֿרוכטבאַרער טעטיקייט איז ער אומגעבראַכט געוואָרן פֿון די דײַטשן.

**ישׂראל גלאַטשטיין** — האָט אין זײַן יוגנט געזונגען אין טעאַטער־כאָר פֿון לאָדזש און שוין דאָן האָט ער אָנגעהויבן שאַפֿן אייגענע קאָמפּאָזיציעס. אין 1920 איז דערשינען זײַן ערשט לידערבוך „געזאַנג און שפּיל" (טעקסט פֿון משה בראָדערזאָן און יצחק קאַצענעלסאָן); ער האָט אויך געשאַפֿן אַ ייִדישע אָפּערע „פֿאַטימאַ". אין גיכן האָט ער זיך איבערגעצויגן קיין בערלין וווּ ער האָט געלעבט ביז 1939 און דאָן זיך אומגעקערט קיין וואַרשע.



ס'דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן יוסף גלאַטשטיין וואָס איז געווען מוזיק־קריטיקער אין דער „פֿאָלקס־צײַטונג".

**שלמה האָפּמאַן** (געבוירן אין 1909 אין וואַרשע) האָט געענדיקט די מלוכישע קאָנסערוואַטאָריע, וווּ ער האָט געלערנט קאָמפּאָזיציע, דיריגירן און מוזיק־פּעדאַגאָגיק. פֿון 8 ביז 14 יאָר האָט ער געזונגען אין דער גרויסער וואַרשעווער סינאַגאָגע. ער איז געווען דער שעפֿער פֿון כאָר בײַ דער „ליגע פֿאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישׂראל", פֿון כאָר און אָרקעסטער „החלוץ", ער איז אויך געווען מוזיק־דערציִער אין דער „קאָרטשאַק־אינסטיטוציע", האָט אָנגעפֿירט די מוזיק־אָפּטײלונג אין „אַרבעטער־פֿאָרום" און איז געווען מוזיק־קריטיקער אין דער צײַטונג „דאָס וואָרט".

אין יאָר 1934 האָט האָפּמאַן אויסגעוואַנדערט קיין ארץ ישׂראל וווּ ער באַטייליקט זיך ביז איצט אין מוזיק־לעבן פֿון לאַנד אַלס פּעדאַגאָג, קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־וויסנשאַפֿטלער.

ווי שוין דערמאָנט, האָבן אַ סך ייִדישע מוזיקערס זיך באַטייליקט אין דעם שאַפֿן און אַנטוויקלען דאָס ייִדישע טעאַטער. די דאָזיקע מוזיקערס וואָס האָבן מערסטנס אָנגעהויבן ווי משוררים אין דער סינאַגאָגע און זענען געווען טעטיק ווי כאָר־דיריגענטן, האָבן זיך באַמיט אויסצונוצן זייער פּראַקטיק אויף דער בינע. זיי האָבן אַרײַנגעבראַכט פֿאָלקסטימלעכע געזאַנגען, דעם ייִדישן פֿאָלקלאָר. אָבער די בינע־מוזיק וואָס זיי האָבן געשאַפֿן איז געווען נאַיִוו, פּרימיטיוו, אָן דראַמאַטישער אַקצענטירונג, אָן וועלכער עס איז קינסטלערישער באַאַרבעטונג. מיט איין וואָרט — אַ מוזיק אָן אייגנאַרטיקע, אָבער אַ נאַטירלעכע אָן שום קאָמפּליצירטקייט. די מוזיק איז מערסטנס געווען ליריש־סענטימענטאַל, טענצלדיק און אויך סאַטיריש־קאָמיש (קופּלעטן). די ייִדישע טעאַטער־מוזיק האָט אין אָנהייב זיך באַזירט אויף מאָטיוו־בילדונגען און כאַראַקטעריסטישע ווענדונגען פֿון תּפֿילות, חזנות, פֿאָלקסמוזיק און חסידישע ניגונים. אָבער מיט דער צײַט האָט די מוזיק פֿון ייִדישן טעאַטער באַוויזן זיך צו באַפֿרײַען פֿון איר קאָמפּליצירטער פֿאָלקסטימלעכקייט און דערהייבן זיך צו אַ העכערער קינסטלעריש־שעפֿערישער פֿאָרעם.

דער פּיאָנער פֿון דער ייִדישער טעאַטער־מוזיק אין וואַרשע און אין גאַנץ פּוילן איז דער באַגאַבטער קאָמפּאָזיטאָר הענעך קאָן, געבוירן אין לאָדזש. ער האָט געשריבן די מוזיק צו טעאַטער־פּיעסעס: „קידוש השם" (שלום אַש), „דאַנטאָנס טויט" (ביכנער), „הערשעלע אָסטראָפּאָליער" (ליפּשיץ), „200.000" (שלום עליכם), „שימחה פּלאַכטע" (יעקב פּרעגער). ער האָט אויך געשאַפֿן די מוזיק פֿאַר די פֿאָלקסקופּלעטן, פֿאַר דער קלייןקונסט־בינע „עזאזל" (אין 1923) און די קאָמפּאָזיציע פֿאַר אָן אָפּערע (דוויד און בת שבע), זײַנע איז אויך די מוזיק צו גאָלדפֿאַדענס „קאָלדוניע". צו לעצט ווען מיר דערמאָנען זײַן פֿאַרעפֿנטלעכטן אַרטיקל „פּרץ און די מוזיק" אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (נומער 49־50).

אברהם גאָלדפֿאַדענס אָפּערעטעס זענען שפּעטער פֿון אַ סך מוזיקערס געוואָרן באַאַרבעט און געענדערט. אַזוי האָט דער וואַרשעווער מוזיקער שטיינמאַן באַאַרבעט די אָפּערעטעס „שולמית", „בר כוכבא", „שלמה המלך".

מיר ווילן נאָך דערמאָנען דעם באַגאַבטן דיריגענט איוואָ וועסבי, אָבער וועגן זײַן טעטיקייט און געשאַפֿענע ווערק איז אונדז אוממעגלעך געווען עפּעס גענויערס זיך צו דערוויסן.

---

## חסידישע ניגונים

ווארשע האָט גראָד נישט געגאָלטן אַלס צענטער פון חסידיזם, אָבער די חסידישע ניגונים האָבן דאָך דאָרט אָפּגעקלונגען פון די ווארשטאַטן, ייִדישע הײַזער און חסידים־שטיבלעך.

איינער פון די באַקאַנטסטע פאָרפאַסער פון די דאָזיקע ניגונים איז געווען ר׳ יעקב תלמיד — אַ גערער חסיד וואָס האָט זײַנע מעלאָדיעס און ניגונים פאַר תפילות פאָרפאַסט אויסשליסלעך פאַרן הויף פון גערער רבי. געבוירן אין ווארשע האָט ער נאָך אַלס קליין ייִנגל זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן זינגען. צו צוועלף יאָר איז ער אַרײַנגעטרעטן אין כאָר פון גערער רבי און בײַ די 30 יאָר איז ער געווען דיריגענט פון כאָר. ער שאַפט אייגענע מעלאָדיעס אין חסידישן סטיל און פאַסט צו מוזיק צו פאַרשידענע תפילות, פאַרפאַסט ספּעציעלע ניגונים פאַר יום־טובים און אַנדערע חסידישע געלעגנהייטן. דורכן יאָר פלעגט ער צושטעלן ביז 30 ניגונים וועלכע האָבן פון גערער הויף איבערגעוואַנדערט צו די חסידים־שטיבלעך פון גאַנץ פוילן. זינט 1933 לעבט ער אין תל־אביב און זעצט פאָר מיט דערפאָלג זײַנע מוזיקאַלישע פאַרפאַסונגען פאַרן גערער הויף אין ירושלים.

צוזאַמען מיט אים איז נאָך טעטיק אַן אַנדערער גוט באַקאַנטער פאַרפאַסער פון חסידישע ניגונים — קלמן יונה ערליך.

---

## נאַציאָנאַלע מוזיק

אין יאָר 1928 האָט אַ גרופּע ייִדישע מוזיקערס געגרינדעט די „אגודה למוסיק יהודית״. צווישן די גרינדערס האָט זיך געפונען דער ענטוזיאַסטישער און באַגאַבטער מוזיקער יצחק עדעל, אַ געבוירענער אין ווארשע (אין 1896) איז זײַן ערשטער מוזיק־אינסטרומענט געווען די פידל. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך זײַן משפּחה איבערגעצויגן קיין קיִעוו, ווּ ער האָט דורכגעמאַכט זײַן ערשטע ערנסטע מוזיק־שטודיום, וואָס ער האָט נאָך פאָרגעזעצט אין מאָסקווע. פון 1922 ביז 1927 האָט ער געלערנט אין דער ווארשעווער קאָנסערוואַטאָריע און איז אָנגעגאַנגען מיט זײַן עפנטלעכער מוזיקאַלישער טעטיקייט אין דער אינסטיטוציע „יאַנוש קאָרטשאַק״, אין דער „תרבות־שול״, אין „יהודיה־גימנאַזיע״ און האָט אויך אָנגעפירט מיטן באַקאַנטן העברעיִשן כאָר פון „השומר הצעיר״. אין 1929 האָט עדעל אויסגעוואַנדערט קיין ארץ ישראל, ווּ ער איז ביז הײַנט אַן אָנגעזעענער פּעדאַגאָג, כאָרלייטער און פרוכטבאַרער קאָמפּאָזיטאָר.

צו די פאַרטיידיקער פון דער אידעע פון אַ נאַציאָנאַל־ייִדישער מוזיק האָט אויך געהערט דער באַדײַטנדיקער פּיאַניסט און קאָמפּאָזיטאָר יוליוס וואָלפסאָן. געבוירן אין ווארשע אין 1880 האָט ער זײַנע קינדעריאָרן פאַרבראַכט אין מאָסקווע און דערנאָך זיך אומגעקערט קיין ווארשע ווּ ער האָט שטודירט אין קאָנסערוואַטאָריע און צו לעצט פאַרענדיקט זײַן לערנען אין פּאַריז (אין יאָר 1903). ער האָט זיך דאַן אָוועקגעלאָזט אויף קאָנצערט־רײַזעס איבער אייראָפּע און אַמעריקע און דערנאָך זיך באַזעצט אין ווין. אין פאָרטראַגן און שריפטלעך האָט ער פאַרטיידיקט דעם רענעסאַנס פון דער ייִדישער מוזיק. מיטן מזרח־ייִדישן פאָלקסליד איז ער אַלע מאָל געווען ענג פאַרבונדן און ער האָט אָנגעשריבן 12 באַאַרבעטונגען איבערן ייִדישן פאָלקסאַרט, איין העברעיִשע „סוּיט״ פאַר פּיאַנאָ מיט אָרקעסטער, 20 כאַראַקטער־איבונגען פאַר אָנפאַנגער און „מרימס שלאָפליד״ פאַר געזאַנג.

---

טאַלאַנטירטע מוזיקערס האָבן בײַ ייִדן קיין מאָל נישט געפעלט. ווען מען נעמט אין אַכט די ייִדישע שטרעבונג צו העכערע לײַסטונגען, די ייִדישע צופּאַסונג־פעיִקייט און אויסערגעוויינלעכע טעכנישע געשיקטקייט בײַ פאַרשידענע מוזיק־אינסטרומענטן, איז זיך נישט צו וווּנדערן פאַר וואָס עס זענען אומעטום טעטיק אַזוי פיל ייִדישע אינסטרומענטיסטן און פאַר וואָס צווישן די באַרימטסטע און דערפאָלגרײַכסטע סאָליסטן, וועמענס אויפטריטן מאַכן אַ שטאַרקן רושם, איז פאַראַן אַזאַ דערשטוינענדיק גרויסער פּראָצענט ייִדן פון מזרח־אייראָפּע. זאָל נאָך דאָ צוגעגעבן ווערן אַז דאָס כלי־זמרטום איז געווען די וויג פון די מאָדערנע ייִדישע ווירטואָזן, די שפּיצן פון קינסטלערישער דערגרייכונג און לײַסטונגס־פעיִקייט.

אונטער דער ווירקונג פון דער אַלגעמיינער מוזיק־אַנטוויקלונג אין דער פוילישער הויפּטשטאָט ווערט אויך די מוזיק צווישן ייִדן וואָס אַ מאָל מער אַ פּראָפעסיאָנעלער באַרוף. איז דעריבער נישט קיין וווּנדער וואָס אין ווארשע איז אַנטשטאַנען אַן אייגענער ייִדישער מוזיק־אינסטיטוט מיט ייִדישע מוזיק־לערערס (פּראָפעסאָר גאָלדבערג, יוסף פישהאָוט, מאַריאַ באָר, ראָזאַ עטקין, קריסטאַל; קאַנטאָראָוויטש, אַלפרעד און ברוך גינסבורג, גריזענלער). צוזאַמען מיטן דאָזיקע אינסטיטוט האָט אויך עקסיסטירט אַ ייִדישער קוואַרטעט פון שטרײַך־אינסטיטוט (די באַטייליקטע: אַלפרעד גינסבורג, ווינגראָוויטש, אברהם קוגעל און לעאָן ווײַנער).

ערשט איצט נאָכן אָפּשלוס פון גאַנצן פּעריאָד פון זייער קינסטלערישן ווירקן און שאַפן אין ווארשע, זעט מען וואָס פאַר אַ גרויסע צאָל ייִדישע מוזיקערס האָבן זיך באַטייליקט אין פוילישן מוזיקאַלישן לעבן פון דער שטאָט. אַ גרויסע צאָל ייִדישע מוזיקער — פּיאַניסטן, זינגערס, פידלערס, וויאָלאָנטשעליסטן, באַסן, פּויקערס, שפּילערס אויף בלאָז־אינסטרומענטן — האָבן געשפּילט, אָנהייבנדיק פון דער מלוכה־אָפּערע ביז אין די פאַרשידענע גרעסערע און קלענערע אָרקעסטערס אין די קאַפעען.

מיר ווילן דאָ געבן אַ ברייטערן איבערבליק וועגן די ייִדישע מוזיקערס וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די פאַרשידענע אָרקעסטערס אין ווארשע.

**„וואַרשעווער פילהאַרמאָניע״** (געגרינדעט אין 1901, די געבײַדע אויפגעשטעלט פון ייִדישן אַרכיטעקט אַלעקסאַנדער רײַכמאַן): וו. באַרוך, צ. בעם, ס. דאָבזשיניעץ, סימאָן ענגלענדער, קאָנצערט־מײַסטער משה פלידערבוים (געבוירן אין 1896 וואַנדערט איבער אין 1936 קיין ארץ־ישראל, איז איצט מיטגליד פון פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער אין ישראל, ער איז אויך קאָמפּאָזיטאָר); מאַקס פורמאַן, ה. פישמאַן, אַדאַם פורמאַנסקי (טראָמפּייט־שפּילער און דיריגענט), לודוויג האָלצמאַן, פידלער און דיריגענט (געבוירן אין 1889, אומגעקומען אין טרעבלינקע), איז געווען 23 יאָר מיטגליד פון דער פילהאַרמאָניע און איז אויך געווען אײַנגעלאַדן אַלס דיריגענט אין ארץ ישראל, אָבער עס איז שוין דערצו נישט געקומען; אלי קאַכאַנסקי איינער פון די פעיִקסטע און דערפאָלגרײַכסטע וויאָלענטשעליסטן אין זײַן צײַט, דניאל טשערניאַווסקי, מאַקסימיליאַן האַלפּערין, יוסף לאַבושינסקי, איזידאָר לעוואַק, יוסף ראַבינאָוויטש, לעאָן ריאָז, סוראָוויטש, יעקב שולץ, ה. שפּילמאַן, ס. סאַניצקי, משה שטיגליץ, י. וואַגנהאַלטער, ראָמאַן שולץ, לעאָן שולץ, סאַלאָמאָן זאַקין.

**אָפּערע:** דרוטמאַן, פּיטעלבערג, גאָלד, קאַגאַן, איזידאָר ליבּרעכט, ברוך ליפּטמאַן, לעווינגער, לעווי, פּראָפעסאָר איזידאָר לאָטע, לוסטיג, מיטמאַן, לעאָן שולץ, טאַלגרין, טילטש, לייטער פון אָפּערן־כאָר איז געווען דוויד הירשפעלד.

**ראדיא־ארקעסטער:** סאליסט און קאנצערט־מייסטער איז א סך יארן געווען יוסף קאמינסקי (געבוירן אין 1903 אין אדעס). ער איז געווען דער זון פון דער בארימטער אקטריסע אסתר רחל קאמינסקי און איז נאך קינדווייז אנגעקומען קיין ווארשע, ווו ער האט שטודירט מוזיק און זיך שפעטער פארפולקומט אין קאמפאזיציע אין ווין און בערלין. דורך די עלטערן איז ער געווען ענג פארבונדן מיטן יידישן טעאטער און האט נאך אלס גאר יונגער מוזיקער פארפאסט די מוזיק צו גאלדפאדענס „דאס צענטע געבאט" און שפעטער אויך געשריבן די מוזיק צו פרצעס „ביי נאכט אויפן אלטן מארק". אין 1937 איז ער אוועק קיין ארץ ישראל. ער פירט דארט אן אן אויסערגעוויינלעך פראדוקטיווע מוזיקאלישע טעטיקייט. אחוץ וואס ער איז קאנצערט־מייסטער און סאליסט אין איצטיקן פילהארמאנישן ארקעסטער, איז ער דער מחבר פון א ריי גרויסע קאמפאזיציעס (ארקעסטער־ווערק און פידל־קאנצערטן) וואס ווייזן אים בולט אלס שעפערישן מוזיק־טאלאנט.

די אנדערע מיטגלידער פון ראדיא־ארקעסטער זענען געווען: זיגמונט לעדערמאן, בערנשטיין, זשאן גארנאווסקי, דוב גינסבורג, לעאן שולץ, ראפאעל האלבער, טאדעוש ליפאן.

**ווארשעווער־שטרייכקווארטעט** אין באשטאנד פון די 4 יידישע מוזיקערס: קאמינסקי, לעדערמאן, גארנאווסקי און נייטיך, וועלכע האט אין 1934 באקומען דעם פילסודסקי־פריז.



גרעגאר פיטעלבערג

**דיריגענטן פון דער פילהארמאניע**: דער מוזיקאלישבאגאבטער און גלענצנדיקער ארקעסטער־דיריגענט גרעגאר פיטעלבערג (געבוירן אין 1879) האט געלערנט אין דער ווארשעווער קאנסערוואטאריע און נאך אין 1896 באקומט ער דעם פאדערעווסקי־פריז פאר זיינער א שאפונג (א וויאלין־סאנאטע). אין 1901 באקומט ער דעם גראף זאמאיסקי־פריז פאר א קלאוויר־טריא. דאן טרעט ער אריין אין ארקעסטער פון דער פילהארמאניע און אוואנסירט דערנאך (אין 1908) ביז דיריגענט פון דער פילהארמאניע. פון צייט צו צייט פארט ער אויך קיין אויסלאנד אויף אויפטריטן אבער אלע מאל קערט ער זיך אום צו זיין פלאץ אין דער ווארשעווער פילהארמאניע.

אן אויסערגעוויינלעך פעיקער דיריגענט איז געווען זדשיסלאוו אלעקסאנדער בירנבוים. געבוירן אין 1880, איז ער שוין קליינערהייט באקאנט געווען אלס וואונדערקינד צוליב זיין גלענצנדיקן פידלשפילן. אין 1911 ווערט ער דיריגיגענט פון דער פילהארמאניע און האלט אן, מיט איבעררייסן, זיין פאסטן ביז 1921. צוליב א פלוצלינגער נערוון־אטאקע איז ער געווען געצוווּנגען איבערצורייסן א קאנצערט אין דער מיט. ער פארט דאן קיין בערלין און אין א צושטאנד פון גרויס אויפרעגונג באגייט ער זעלבסטמארד.

א באגאבטער דיריגענט און קאמפאזיטאר איז געווען בראניסלאוו שולץ (געבוירן אין 1881 און זינט 1936 אין ישראל). ער האט געלערנט דיריגירן ביי ארטור ניקיש און זיין מוזיק־שטודיום האט ער דורכגעמאכט ביי הוגא רימאן אין לייפציג. שולץ איז געווען מיטגרינדער און דיריגענט פון לאדזשער פילהארמאנישן ארקעסטער. פון 1899 ביז 1910 איז ער געווען ערשטער הארן־בלאזער אין דער ווארשעווער גרויסער אפערע און גלייכצייטיק אויך סימפאניע־דיריגענט. ער איז דער מחבר פון דער בינע־מוזיק פאר דער ערשטער אויפפירונג פון „דיבוק" דורך דער ווילנער טרופע; און אויך „א יידישע חתונה" געשריבן פאר ארקעסטער, וואס איז אויך אויפגענומען געווארן אויף גראמאפאן־פלאטן.

חוץ די שוין דערמאנטע זענען אין די פארשידענע קונסט־אינסטיטוציעס געווען טעטיג די וויטערדיקע קינסטלערס:

**זינגערס.** דיאנא בלומענפעלד, טוביה האפמאן, שלמה קורשאס, לעאן קאכאוויעטש, אלא לילית, שרהלע מארקא (קאלאראטור־זינגערין), ארקאדי פלאטא, העלענא אסטראווסקי, העלענא ווערטהיים.

**פידלערס.** עדגאר אפטערגוט, רישארד בורגין, סאלאמאן פרידמאן, היינריך בערגרין (1838־1889), אויך קאמפאזיטאר פון יידישע טעמפל־מוזיק, טאדעוש גארשינסקי, לודוויג מאריץ הירשפעלד (1816־1876), ראמאן מעסינג (איבערגעוואנדערט אין 1941 קיין ישראל) און א. רייַנבערג.

**פיאניסטן.** מיכאל בערגסאן (1820־1898), אויך אן אפערעטן־קאמפאזיטאר; לעאן באראווסקי (אומגעקומען ביי דער אויסראטונג פון אטוואצק), ק. געלערנטער, מאריאן פילאר, שושנה פעלדזש (צו אכט יאר שוין א באגאבטע פיאניסטקע און קאמפאזיטארין), איגנאץ הילסבערג, באלעסלאוו קאן, י. סטערלינג, רישארד שפירא, טערעסא ווינבאום, לודוויק אורשטיין. ס'בלייבן נאך די אויסגעצייכנטע אין דעם שאפען־קאקורס אין ווארשע, די פריזטרעגער לעאן אבארין און אלעקסאנדער איינינסקי (אין 1931).

**דיריגענטן און קאמפאזיטארן.** דוויד בעלסאצקי (באקאנ־

טער אָפּערע־קאָמפּאָזיטאָר), דוויד בייגעלמאַן (טעאַטער־קאַפּעלמײַסטער פון לײַכטער מוזיק אין לאָדזש און וואַרשע), זדשיסלאַוו גאָרשינסקי (קאַפּעלמײַסטער פון סאַלאָן־אָרקעסטער אין פּוילישן ראַדיאָ), אַרטור געלבּרון, פידלער און דיריגענט (געבוירן אין 1913) געשפּילט אין דער פילהאַרמאָניע און האָט אָנגעפירט מיטן געזאַנגפאַראיין „אָרפעום" (געפינט זיך זינט 1949 אין ישראל). מיכאל הערץ (געבוירן אין 1894), מוזיק־לערער און קאָמפּאָזיטאָר, געשריבן אָפּערעס, בינע־מוזיק, קאָמפּאָזיציעס פאַר פּיאַנאָ און כאָר; לעאָפּאָלד לעוואַנדאָווסקי (1823־1896) קאַפּעלמײַסטער פון אָפּערעס און קאָמפּאָזיטאָר פון טאַנצמוזיק, ראָמאַן ראָזענטאַל, קונסט־מאַלער און קאָמפּאָזיטאָר, הענריק טאָם, געשריבן מוזיק פאַר פּוילישע פילמען און שפּעטער אין געטאָ פאַרפאַסט מוזיק צו לידער, משה ווילענסקי (געבוירן אין 1910), קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט, שטודירט אין וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע (זינט 1932 אין ישראל). פון נאָך אַנדערע מוזיקערס זענען מיר באַקאַנט: ד"ר הענריק דאַטינער, אַלפרעד גראַדשטיין, (לעבט איצט אין וואַרשע), אַנדזשעי קלאָן, חנה לערנער, איגנאַצי ראָזענבוים, ראָסנער, לעאָפּאָלד רובינשטיין, שמעון וואַליעווסקי (1892־1950).



דוויד בייגעלמאַן

די גרויסע צאָל אָנגעגעבענע נעמען באַווײַזן דעם גרויסן אָנטייל פון ייִדישע מוזיקערס אין דעם אַמאָליקן מוזיקאַלישן לעבן אין וואַרשע. די באַזונדערע טאַלאַנטירטע מוזיקערס האָבן אָבער באַוויזן איבערצושפּרײַזן דעם ענגען קרײַז פון דער אייגענער שטאָט אָדער לאַנד, כדי צו באַטרעטן די קאָנצערט־בינעס פון גאָר דער וועלט.

## וועלט באַרימטע קינסטלערס

ייִדישע אינסטרומענטיסטן־ווירטואָזן רופן שוין לאַנג אַרויס באַוווּנדערונג און אָנערקענונג אין דער מוזיקוועלט. פון זיי וועלן מיר בלויז אַרויסנעמען די קינסטלערס וואָס זענען פאַרבונדן מיט וואַרשע דורך זייער געבורט, שטודיום אָדער טעטיקייט.

**איזידאָר לאָטטאָ** (געבוירן אין 1840 אין וואַרשע), אַ באַקאַנטער פידל־ווירטואָז, קערט זיך אום קיין וואַרשע נאָכן פאַרענדיקן זײַן שטודיום אין פּאַריזער קאָנסערוואַטאָריע און טרעט דערנאָך אויף מיט פאַרשידענע קאָנצערטן אין פאַרשידענע לענדער. צו לעצט ווערט ער לערער אין דער וואַרשעווער האָנסערוואַטאָריע.

**פּאַול** קאָכאַנסקי (געבוירן אין 1887 אין אָדעס) אַן אָנגעזעענער פידלער, איז ער נאָך אין 1901 געווען קאָנצערט־מײַסטער אין דער וואַרשעווער פילהאַרמאָניע און דערנאָך אויך לערער אין דער קאָנסערוואַטאָריע. זײַן מוזיק־טעטיקייט איז געווען אויסשליסלעך אויפן געביט פון קאָנצערטן.

**אַדאַם טאַדעוש וויעניאַווסקי** (געבוירן אין 1879 אין וואַרשע), אַ שוועסטערן־זון פון באַרימטן פידלער הענריק וויעניאַווסקי, האָט דורכגעמאַכט זײַן שטודיום אין וואַרשע, בערלין און פּאַריז. אין 1923 קערט ער זיך אום קיין וואַרשע, ווו ער גיט זיך אָפּ מיט מוזיק־קריטיק. זינט 1928 איז ער דירעקטאָר פון דער וואַרשעווער מוזיק־געזעלשאַפט און לערער אין דער שאָפּענישער הויכשול פאַר מוזיק.

**וואַנדאַ לאַנדאָווסקאַ** (איר ריכטיקער נאָמען אין לאַנדאָער, געבוירן אין 1877 אין וואַרשע), אַן אויסגעצייכנטע פּיאַניסטקע און באַרימטע קינסטלערין וואָס האָט אויפגעלעבט די פּאָרקלאַסישע מוזיק און באַזונדערס דאָס שפּילן אויף צימבאַלן. ביז 14 יאָר האָט זי שטודירט אין דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע און דערנאָך געמאַכט רײַזעס איבער דער גאַנצער וועלט. איצט געפינט זי זיך אין אַמעריקע.

**בראָניסלאַוו הובערמאַן** (1882־1947) איז געווען אַ וועלטבאַרימטער פידלער־ווירטואָז. ער האָט געלערנט אין דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע און איז געווען דער שילער פון מיכאַלאָוויטשן, לאָטטאָ און י. יאָאַכים. זײַנע ערשטע אויפטריטן דאַטירן נאָך פון 1893. דער אָנערקענטער קינסטלער האָט באַרײַזט די גאַנצע וועלט און ווען עס איז אַנטשטאַנען מדינת ישראל האָט ער דאָרט געשאַפן דעם „ישראלשן פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער" מיט וואָס ער האָט זיך אַליין אויפגעשטעלט דעם בכבודסטן דענקמאָל.

**אַרטור רובינשטיין** (געבוירן אין 1886 אין לאָדזש), אַ מײַסטער־פּיאַניסט פון אַ בליצנדיקער ווירטואָזיטעט און סובטעלן קלאַנג מיט וואָס ער האָט דעראָבערט וועלטרום. ער האָט געלערנט אין דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע, אָבער זײַן ערשטן אויפטריט אין דער דאָזיקער שטאָט האָט ער נאָך געהאַט אַלס פינפיעריק ייִנגל. צו 11 יאָר גיט ער זײַן ערשטן קאָנצערט אין בערלין און פון דאַן שטײַגט ער וואָס אַ מאָל העכער אין זײַן אויסערגעוויינלעכער מוזיק־קאַריערע.

**סטעפאַן פרענקעל** (געבוירן אין 1902 אין וואַרשע), אַ פײַנער פידלער און קאָמפּאָזיטאָר וואָס האָט געהאַט אַלס לערער די באַקאַנטע מוזיק־קענער אַדאָלף בוש און קאַרל פלעש. ער האָט זיך קונה שם געווען אַלס קאָנצערטיסט־ווירטואָז און איצט וווינט ער אין אַמעריקע.

**אַלעקסאַנדער טאַנסמאַן** (געבוירן אין 1897 אין לאָדזש), שטודירט אין לאָדזש און דערנאָך אין וואַרשע, ווו ער באַקומט אין 1919 דעם גרויסן פּריז פאַר קאָמפּאָזיציע און ווערט וואָס אַ מאָל מער באַקאַנט אַלס אָנגעזעענער קאָמפּאָזיטאָר. ער לעבט אין פּאַריז שוין אַ סך יאָרן.

## מוזיק-קריטיקערס

אויך צווישן די באקאנטע ווארשעווער מוזיק-קריטיקערס טרעפן מיר אַן ייִדישע נעמען, ווי לעאָפּאָלד בינענטאל (פון „קוריער ווארשאווסקי"), מאקסימיליאן צענטנערשווער („נאש פּשעגליאָנד"), ד"ר אליס סימאָן, וואָלקאָוויטש, מיכאל נירענבערג („מאָמענט"), יוליוס פּאָן ווערטהיים (1928-1881), געווען דיריגענט, פּיאניסט און מוזיק-שרײַבער (אין „קוריער פּאָלסקי"), אַן אָפּשטאמיקער פון ייִדישן פּיאניסט קארל טאוזיג; יוסף ראָזענצווײַג (געבוירן אין 1869), א שילער פון רימאנען, קריטיקער פון „קוריער פּאָראנני" און „שוויאט". פּארעפנטלעכט די ארבעטן: „די צוקונפט פון דער מוזיק-עסטעטיק" און „נײַע באגריפן אין דער מוזיק". ד"ר יוסף רײַס, מוזיקאָלאָג, פּארעפנטלעכט די ביכער: „הארמאָניע", „מוזיק-פאָרמען", „מוזיק-ענציקלאָפּעדיע".

---

## מוזיקער-משפחות

מיר קענען וויניק פעלקער וואָס זאָלן ארויסגעבן אזוי פיל מוזיקער-משפחות, גאנצע דינאסטיעס פון מוזיקערס, אזוי ווי די ייִדן. אין ווארשע איז געווען א גרויסע צאָל משפחות פון מוזיקערס פון וועלכע מיר ווען דאָ אויסרעכנען אייניקע:

**באַדענשטיין.** פאָטער — סטאניסלאוו (פידלער), זין: הענריק (וויאָלאָנטשעליסט), אדאם (פּיאניסט), טעכטער: זאָפיא (פּיאניסטקע), ראכעל (פּיאניסטקע).

**גינסבורג.** פאָטער — פסח (1941-1828), פידלער און קאָמפּאָזיטאָר, האָט באקומען פון דער פּוילישער מלוכה די קרייץ-אויסצייכענונג פאר זײַנע 30 יאָר מוזיקאלישע טעטיקייט. זײַנע זין: גרעגאָר (פידלער), ברוך (וויאָלענטשעליסט), געשפּילט אין דער פילהארמאָניע און אין ראדיאָ, דוב (פּיאניסט און פּויקער), געשפּילט אין „ראדיאָ-אָרקעסטער", אלפרעד (פידלער), סאָליסט און מיטגליד פון פילהארמאָניע-אָרקעסטער. אין 1936 וואנדערט אויס די גאנצע משפחה קיין ישראל און הובערמאַן אנגאזשירט דעם פאָטער מיט די זין צו דעם פילהארמאָניע-אָרקעסטער פון ישראל.

באקאנט זענען די משפחות גאָלד, קומאָק (ה. קומאָק איז געווען דיריגענט פון א בלאָז-אָרקעסטער און אין טעאטער); קאגאַן: יעקב (פּיאניסט), בערל (פידלער), פעליקס קאגאַן-קאָכאנסקי (דיריגענט), מיעטשיסלאוו קאַגאַן-קאָכאַנסקי (דיריגענט פון אָפּערעס און אָפּערעטעס).

**לעדערמאַן.** די ברידער יעזשי (פּיאנאָ) און זיגמונט (פידל).

**מיטמאַן.** פאָטער (פידלער) און צוויי זין (פּיאניסט און טשעליסט).

**מישולאָוויטש.** פאָטער — וולאדימיר (פידלער אין דער אָפּערע) און זײַנע זין: אלעקסאנדער (פידלער), וויקטאָר (פּיאניסט).

**שולץ.** פאָטער — חיים הענריק (1903-1836), ערשטער פידלער אין דער גרויסער אָפּערע. זײַנע זין: יוזעף (קאָמפּאָזיטאָר), בראָניסלאוו (פידלער), זייער זיידע פון דער מוטערס צד, לעאָן וואלטער, איז געווען א בארימטער פידלער, יוסף — א פעטער פון חיים הענריק — איז געווען פּיאנאָ-לערער אין שטראסבורגער קאָנסערוואטאָריע; א ווײַטערדיקער קרוב — לעאָן שולץ — (פאגאָטיסט) לעבט אין ישראל און זײַן זון א פּיאניסט — פירט אָן אין קאירא אַן אייגענע קאָנסערוואטאָריע.

---

## מוזיק אין געטאָ

אין ווארשעווער געטאָ איז א לאנגע צײַט אָנגעגאנגען א לעבהאפטע קולטורעלע און מוזיקאלישע טעטיקייט. ס'זענען געגעבן געוואָרן סימפאָנישע קאָנצערטן, קאמער-מוזיק און קאָנצערטן פון סאָליסטן; ס'זענען אויך געווען אָונטן געווידמעט דעם ייִדישן ליד, אָבער צו דעם אלעם האָט מען געדארפט באקומען א דערלויבעניש פון די דײַטשן. די קאָנצערטן האָבן געקענט געבן בלויז מוזיק פון ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן. דער סימפאָנישער אָרקעסטער איז אויפגעטרעטן איין מאָל אין וואָך און האָט אלע מאָל געהאט אַן אנדערן פון די פיר דיריגענטן וואָס זענען געווען אין געטאָ: אדאם פורמאנסקי, פּראָפּ' שימאָן פולמאַן, מאריאַן נײַטײַך און יצחק האמערמאַן.

נײַטײַך (געבוירן אין 1907 אין לאָדזש), האָט שטודירט אין ווארשעווער קאָנסערוואטאָריע טשעלאָ, קאָמפּאָזיציע און דיריגירן. 10 יאָר איז ער געווען וויאָלענטשעליסט אין ווארשעווער קאמינסקי-קווארטעט. ער האָט אויך געגעבן קאָנצערטן אין אייראָפּע, געווען אין אמעריקע און קערט זיך אום פון ארגענטינע צוויי וואָכן פארן מלחמה-אויסבראָך און דער נאצישער אינוואזיע אויף ווארשע. פון געטאָ איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן אויף אומקום קיין טרעבלינקע.

אַן אויסגעצייכנטער קאמער-אָרקעסטער פון 12 מוזיקערס האָט אין געטאָ געשאפן פּראָפּ' שימאָן פולמאַן (געבוירן אין 1889 אין ווארשע). ער האָט שטודירט אין פעטערבורג און אין ווארשע. ער באקומט פון דער שטאָט ווארשע א סטיפּענדיע און פאָרט אָפּ קיין פאריז אויף ווײַטערן שטודיום דערנאָך באזעצט ער זיך אין ווין. אין אויגוסט 1939 פאָרט ער קיין ווארשע אויף א באזוך צו זײַן משפחה, אָבער ער האָט זיך שוין פון דאָרט נישט געקענט אומקערן. בײַ אַן אַקציע אין געטאָ איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן צום טויט קיין טרעבלינקע צוזאמען מיט דעם אויסגעצייכנטן פידלער לודוויק האָלצמאַן.

אין ווארשעווער געטאָ האָט נאָך עקסיסטירט א פּאָליציי-אָרקעסטער, אָנגעפירט פון פּאקעטן און שפּעטער פון שימאָן קאטאשעק, א געזאנג-פאראיין „שיר" אונטער דער לײַטונג פון פײַווישיס און זאקס.

ישראל פײַווישיס פון לאָדזש איז נאָך דער נאצי-אינוואזיע אריבער קיין ווארשע ווו ער האָט געשפּילט א וויכטיקע ראָלע אין מוזיק-לעבן פון געטאָ. אין עלטער פון 55 יאָר איז עס אומגעבראכט געוואָרען אין פּאָניאטאָווא.

ס'האָבן אויך אין געטאָ עקסיסטירט 2 פאָלקסכאָרן אָנגעפירט פון יעקב און ישראל גלאדשטיין, 2 „רעוועלערסן-כאָרן" (יעקב און יצחק גלאדשטיין), קינדערכאָרן אָנגעפירט פון א. קאמינסקי און א סינאגאָגע-כאָר אָנגעפירט פון דוויד אייזנשטאט.

ס'זענען אויך געווען דרײַ שטרײַכקווארטעטן: 1) די באטירליקטע: יעקב מעסער, משה גירגאָרסקי, דניאל קראקאָווסקי, זיגמונט שאָק. 2) די ברידער לעדערמאַן, נתן שניצלער, נײַטײַך. דער דריטער קווארטעט פון שטרײַך-אינסטרומענטן איז אָנגעפירט געוואָרן פון העלענא מארקעוויטש.

אויך אין די גאַסן פלעגן אויפטרעטן די מוזיקערס און זינגערס פון ווארשעווער געטאָ. ס'איז אפילו געווען א „גאַסן־אָרקעסטער", אָנגעפירט פון אדאם פורמאנסקי, ווי אויך קליינע אַרטיסטן־אַנ־סאמבלען, צוזאמענגעשטעלט פון שטראָמבערגן (אמאָליקער סאָ־ליסט פון דער ווארשעווער אָפּערע).

ס'האָבן אויך געשפּילט און געזונגען אין די הייף פון געטאָ באַקאַנטע סאָליסטן, ווי די פידלערס האָלצמאַן און בערנארד לע־ווינסאָן אָדער דער אָפּערע־זינגער רויטלינגער.

---

מיטן אָפּשלוס פון דער נאַצישער פארניכטונג־אַקציע קעגן די מיטל־ און מיזרח־איירָאָפּעיִשע ייִדן איז אויך געקומען א סוף צום פילפארביקן, קולטורעל־ווירקנדיקן ייִדישן לעבן אין ווארשע. דאָס ייִדישע מוזיק־לעבן אין ווארשע איז שוין פארשטומט. א גרויסע צאָל ייִדישע מוזיקערס זענען אומגעקומען. די לעבנסגעבליבענע פון דער קאַטאַסטראָפע האָבן אונטערן דרוק פון די אומשטענדן זיך באַזעצט אין אַנדערע לענדער, וווּ זיי זוכן זיך אַרײַנצופּאַסן אין די נײַע באַדינגונגען און ווײַטער ווירקן און שאַפן אויפן געביט פון מוזיק. אַ סך זענען אַוועק קיין נאָרד־אַמעריקע, אַרגענטינע, אויס־טראַליע און באַזונדער קיין ישראל. איבעראַל קען מען איצט אָנ־טרעפן ייִדישע מוזיק־קינסטלערס פון ווארשע. אָפט פארנעמען זיי שוין פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס.



... און אַז דער רבי אלימלך ...

(מאָטיוו צום פאָלקס־ליד)  (אויסגעהאַקט אין מעש פון אריה מערזער)

יוסף סאַנדעל (וואַרשע)

# יידישע פּלאַסטיקערס אין וואַרשע

## (אַ היסטאָרישער איבערבליק)

### 1.

### זינט דער אָנהייב פון יידישער קונסט אין 18טן י״ה ביז 1914

די געשיכטע פון דער קונסט־אַנטוויקלונג בײַ די וואַרשעווער ייִדן ציילט שוין כמעט אָנדערטהאַלבן יאָרהונדערט. מיר מיינען דאָ דער עיקר די וועלטלעכע קונסט, אין וועלכער די ייִדן פון וואַרשע האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן צווישן אַלע ייִדישע ייִשובים אין פּוילן.

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער ייִדישער קונסט אין וואַרשע איז די השפּעה וואָס ס׳האָט אויף איר געהאַט די פּוילישע קונסט. אַ וויכטיקע ראָלע אין דער דערציִונג פון ייִדישע קינסטלערס האָבן געשפּילט אַ ריי פּוילישע פּעדאַגאָגן בראָש מיט וואָיטשעך גערסאָנען. אַ צווייטער הויפּטשטריך פון דער ייִדישער קונסט אין וואַרשע איז דער פאַקט וואָס די ייִדישע קינסטלערס בכלל האָבן געשעפּט פונעם אוצר פון דער ייִדישער פאָלקסטימלעכקייט. דערבײַ דאַרף אָבער אונטערגעשטראָכן ווערן אַז אַ טייל פון די ייִדישע פּלאַסטיקערס איז באַווירקט געוואָרן פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע.

די געשיכטע פון דער ייִדישער קונסט אין וואַרשע קען אײַנגעטיילט ווערן אין די ווײַטערדיקע 4 עפּאָכעס:

1. דער צײַטאָפּשניט ביז 1914;
2. די צווישן מלחמה־צײַט;
3. די צײַט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע;
4. די איצטיקע עפּאָכע אין דעם באַפרײַטן פאָלקספּוילן.

---

צו די פּיאָנערן פון דער ייִדישער קונסט אין וואַרשע געהערט אין דער ערשטער ריי דוויד פרידלענדער (סוף 18טן און אָנהייב 19טן יאָרהונדערט), וואָס איז געווען גלײַכצײַטיק מאָלער, סקולפּטאָר און אַרכיטעקט.

אויפן ייִדישן בית־עולם אין וואַרשע (בײַ דער אָקאָפּאָווע־גאַס) געפינט זיך איינע פון די עלטסטע וואַרשעווער מצבות וואָס רופט אַרויס באַוווּנדערונג צוליב אירע אויסערגעוויינלעכע אָרנאַמענטן און אויסקריצונגען, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר בילדער, משמעות פון דעם לעבן פון די דאָרט באַערדיקטע משפּחה־מיטגלידער. דאָס איז די מצבה פון בער (בערעק) שמולעוויטש, זון פון שמואל זביטקעווער און זיידע פון דעם באַרימטן פילאָסאָף אַנרי בערגסאָן. די מצבה איז פרידלענדערס אַ קונסטווערק. פון דעם איז גערעדונגען אַז פרידלענדער האָט אויך געוווינט אין וואַרשע און האָט דאָרט אָנגעהאַלטן באַציִונגען מיט דער זביטקעווער משפּחה. דער קבר איז אויך אינטערעסאַנט צוליב זײַן פאָרעם און צוליב דעם אופן ווי אַזוי ס׳זענען אײַנגעפּאַסט געוואָרן אין זײַנע ווענט שטיינערנע פּליטעס מיט די אויסגעקריצטע באַרעליעפן וואָס דערציילן וועגן דער עשירות פון דעם פאַרשטאָרבענעם. מ׳זעט דאָרט אַ גאַנצע פאַרבויטע געגנט, מיט אַ טײַך און אַ בריק, מיט אַ ווינטמיל, אַ שאָסיי אוןביימער; אויף איין שטעל זעען מיר אפילו דעם ייִדישן בית־עולם, אַרומגערינגלט מיט אַ מויער. כאָטש בער שמולעוויטש איז געווען אַ חסיד, האָט זײַן קבר אַן עכט־וועלטלעכן אויסזען, און בלויז די ווײַסע מאַרמאָר־טאָוול מיט די העברעיִשע אויפשריפטן דערציילן וועגן זײַן פרומקייט. וועגן דעם שעפער פון דענקמאָל, דעם אויסגעצייכנטן קינסטלער פרידלענדער, ווייסן מיר כמעט גאָרנישט. מסתמא האָט אים פון אויסלאַנד אַראָפּגעבראַכט קיין וואַרשע שמואל זביטקעווערס צווייטע פרוי יהודית, אַ זייער געבילדעטע און מיט גרויסע קינסטלערישע פּרעטענציעס. יהודית האָט געשטאַמט פון פראַנקפורט בײַם אָדער.

אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה איז אין וואַרשע געווען באַקאַנט אַ ייִדישע משפּחה פון סטעמפּל־מאַכערס, גראַפּיקערס און סקולפּטאָרן, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע קונסטצווײַגן. דאָס איז געווען די פאַמיליע מינכהיימער. דער ראש פון דער משפּחה, אברהם, איז געווען אַ גראַווירער און סטעמפּל־מאַכער. זײַן זון שמואל (1760—1844) איז געווען אַ סטעמפּל־מאַכער און אַ מעטאַל־שטעכער. שמואלס זון שלמה (1803—1879) איז געווען אַ סטעמפּל־מאַכער, אַן עכטער קינסטלער אין זײַן פאַך; דערצו איז ער אויך געווען קריצער און מעדאַל־מאַכער פון וואַרשעווער פּוילישן באַנק. פאַר זײַנע אַרבעטן איז ער אין 1854 אויסגעצייכנט געוואָרן מיט אַ מעדאַל. צווישן זײַנע קונסטווערק האָט זיך אויסגעצייכנט אַן אויסגעשניצטער פּאָרטרעט פון גראַף פעליקס לוביענסקי, יוסטיץ־מיניסטער פון וואַרשעווער פירשטנטום.

שלמה מינכהיימער האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַרן אויפלעבן אין פּוילן די האָלצשניט־קונסט. ער האָט געגרינדעט אין וואַר־

שע די האַלצשניט־שול וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ סך קינסטלערס. מינכהיימערס אַ שילער איז צווישן אַנדערע אויך געווען דער קינסטלער סטיפּי, דער מחבר פון בער מײַזעלס אויסגראַווירטן פּאָרטרעט.

אויפן געביט פון דער פּוילישער קונסט און ווי דער ערשטער וואַרשעווער מאָלער פון גרויסן פּאַרנעם ווערט באַרימט אַלעקסאַנדער לעסער (1814—1884), באַקאַנט אויך ווי איינער פון די גרינדערס פון דער וואַרשעווער „אינסטיטוציע צו סטימולירן שיינע קונסט" (געקירצטער נאָמען „זאַכענטאַ"). לעסער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט מאָלן בילדער פון דער פּוילישער געשיכטע. וועגן אים איז פֿאַראַן אונדזערע אַ ספּעציעלע אַרבעט אין „פּנקס וואַרשע" (זײַטן 227—240).

צו די וואַרשעווער קען מען אויך צורעכענען איינעם פון די בעסטע אין אייראָפּע מעטאַל־שטעכערס און קריצערס הענריק רעדליך (1840—1884). הענעך רעדליך איז געבוירן געוואָרן אין דעם קליינעם שטעטל לאַסק, בײַ אַן אָרעמען ייִדישן וועבער. דער צופאַל האָט געוואָלט אַז ער זאָל אַרונטערפאַלן אונטערן צאַרישן „קאַנטאָניסטן־געזעץ", לויט וועלכן מ'האָט געדאַרפט ייִנגלעך פון 10—12 יאָר אָפּשיקן אין קינדער־באַטאַליאָנען פאַר מיליטערישער דערציִונג, פון וואַנען מ'האָט זיי אין עלטער פון 18 יאָר אַרײַנגענומען אין דער רעגולערער צאַרישער אַרמיי אויף אַ דינסטדויער פון 20 יאָר. פאַר הענעכס עלטערן האָט דאָס געמיינט צו פאַרלירן דעם זון אויף אייביק און דערפאַר האָבן זיי באַשלאָסן אים משליח צו זײַן קיין אויסלאַנד. הענעכלס מוטער האָט אים באַגלייט די עטלעכע קילאָמעטער ביז צו דער פּרײַסישער גרענעץ, פון וואַנען ער האָט זיך שוין אַליין אַריבערגעשמוגלט אויף דער אַנדערער זײַט. אין אַ ווינטערטאָג פון יאָר 1850 איז ער ענדלעך אָנגעקומען קיין ברעסלוי. הענעכל האָט אַרומגעבלאָנקעט איבער דער פרעמדער שטאָט, ווו ער האָט נישט געהאַט קיין קרוב אָדער פרײַנד, און אויב עס וואָלט אים נישט, אַ פאַרפרוירענעם און האַלב מיט שניי פאַרשאָטענעם, געפונען דער ברעסלער ייִד אַלבערט באַוער, וואָלט ער זיכער אומגעקומען.

באַוער האָט דאָס קינד גענומען צו זיך אַהיים און זײַן טאָכטער לינאַ — די שפּעטער באַרימטע אין גאַנץ דײַטשלאַנד געזעלשאַפטלעכע טוערין לינאַ מאָרגנשטערן — האָט פאַר אים געזאָרגט ווי פאַר אַן אייגענעם משפּחה־מיטגליד. אָבער מער ווי 4 יאָר האָט הענעכל דאָרט נישט געקענט פאַרבלײַבן, ווײַל לויטן פּרײַסישן געזעץ האָבן קינדער נאָך 14 יאָר געמוזט פאַרלאָזן פּרײַסן אויב זיי ווערן נישט אַדאָפּטירט דורך בירגערס. דאָס ייִנגל ווערט דעריבער אָפּגעשיקט קיין קאַליש צו באַוערס אַ פרײַנד, ד"ר גאָלדבערג. דאָ ווערט הענעכל דערצויגן צוזאַמען מיטן דאָקטערס קינדער און אין די פרײַע מינוטן פון לערנען גיט ער זיך פלײַסיק אָפּ צום צייכענען און מאָלן. די גאָלדבערגס, אײַנזעענדיק די פעיִקייטן פון ייִנגל, שיקן אים שפּעטער אָפּ שטודירן מאָלערײַ אין דער וואַרשעווער אַקאַדעמיע פון שיינער קונסט. רעדליך לערנט דאָרט ביז 1862, ווײַל שוין ערב דעם יאַנואַר־אויפשטאַנד (פון יאָר 1863) פאַרמאַכט די צאַרישע רעגירונג די אַקאַדעמיע.

צו יענער צײַט איז געעפנט געוואָרן אין וואַרשע די „זאַכענטאַ" וואָס האָט, ווי אַ סטימול, פאַררופן צו אַ קאָנקורס סטודענטן וואָס ווילן זיך פאַרפולקומען אין אויסלאַנד אַלס קריצערס און מעטאַל־שטעכערס. רעדליך שטעלט זיך צו צום קאָנקורס און געווינט אים. ער באַקומט אַ סטיפּענדיע און פאָרט אָפּ קיין דרעזדן און דערנאָך קיין מינכן. ער מאַכט גרויס פאָרשריט אין דער גראַווירקונסט און אין גיכן קריצט ער אויס זײַנע אייגענע ווערק, ווי אויך די ווערק פון די באַרימטע פּוילישע מאָלערס: יוזעף בראַנט, יוליוש קאָסאַק און מאַקסימיליאַן געערימסקי. רעדליך קריצט אויך אויס בילדער פאַר דער קראָקעווער געזעלשאַפט פון שיינער קונסט און פאַר דער וואַרשעווער „זאַכענטאַ", פאַר וועלכער ער האָט געמאַכט אַ גראַווירונג לויט וואָיטשעך גערסאָנס בילד „קאָפּערניק גיט אין רוים אַ לעקציע פון אַסטראָנאָמיע".

אין יאָר 1870 קערט זיך רעדליך אום קיין וואַרשע, ווו ער האָט חתונה מיט דער טאָכטער פון באַקאַנטן פּוילישן פּאַטריאָט און דירעקטאָר פון דער פּראָגרעסיווער וואַרשעווער ראַבינער־שול, י. טוגענהאָלד. רעדליכס וויכטיקסטע שאַפונגען פון דער קריצער־קונסט זענען געווען די אַרבעטן וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן לויט די ווערק פון יאַן מאַטעיקאָ (1833—1893) — דעם גרעסטן פּוילישן מאָלער פון היסטאָרישע בילדער. דאָס זענען די ווערק: „סקאַרגאַס פּריידיק" (דרשה), „די לובלינער אוניע" און „סטאַנטשיק" (וואָס איז אָבער נישט פאַרענדיקט געוואָרן צוליבן קינסטלערס קראַנק ווערן). פאַר די ערשטע צוויי ווערק האָט ער באַקומען די העכסטע אויסצייכענונגען אויף דער פּאַריזער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג אין 1878, און אויך די פּעטערבורגער אַקאַדעמיע האָט אים באַערט מיטן טיטל פּראָפעסאָר.

נישט קוקנדיק אויף זײַנע גרויסע דערפאָלגן, האָט רעדליך נישט פאַרדינט גענוג אין וואַרשע כדי צו קענען אויסהאַלטן זײַן פרוי און די 4 קינדער. ער האָט געפּלאַנט צו עפענען אין וואַרשע אַ קריצערשול און אַזעלכע גרויסע שרײַבערס ווי איגנאַצי קראַשעווסקי און באָלעסלאַוו פּרוס האָבן זיך אײַנגעשטעלט פאַר אים, ער זאָל נישט דאַרפן ווידער עמיגרירן קיין אויסלאַנד. אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן און ער איז געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. ער פאָרט אָפּ קיין פּאַריז, ווו צווישן אַנדערע אַרבעטן קריצט ער אויך אויס טורגעניעווס פּאָרטרעט. רעדליך ברענגט אויך אַראָפּ זײַן משפּחה קיין פּאַריז, אָבער אין גיכן באַקומט ער אַ שווערע מוח־קראַנקהייט פון צופיל אָנשטרענגונג. ער שיקט דאַן אָפּ זײַן פאַמיליע צו דער טאָכטער פון זײַנע געוועזענע אַפּוטרופּסים, דער פרוי לינאַ מאָרגענשטערן אין בערלין. זײַן צושטאַנד ווערט אָבער וואָס אַ מאָל ערגער און ער שטאַרבט אין אַ בערלינער סאַנאַטאָריע דעם 7טן נאָוועמבער 1884.

רעדליך האָט אויך געקריצט בילדער אויף ייִדישע טעמעס, ווי דאָס באַקאַנטע בילד „ייִדן באַקוקן גראַווירונגען אין דער ביבליאָטעק".

כדי זיך צו באַקענען מיט די הערשנדיקע באַדינגונגען אין דעמאָלטיקן פּוילן וועט זײַן גענוג צו לייענען אייניקע שורות פון אַ נעקראָלאָג וועגן רעדליכן וואָס ס'האָט אין „קוריער וואַרשאַווסקי" פאַרעפנטלעכט דער באַרימטער שרײַבער באָלעסלאַוו פּרוס: „אויב די קעניגן פון אונדזער קונסט וואָלטן, אָנשטאָט זיך צו ברעכן די קעפּ אויף אַ דילעטאַנטישן אופן וועגן דער גאַנצער ייִדן־פראַגע, בעסער אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם איינעם ייִד וואָס האָט קאָפּירט זייערע ווערק, וואָלט זיך אפשר אין וועלכער נישט איז מאָלערײַ־שול געפונען אַ ווינקל פאַר גראַווירונגען אונטער דער אָנפירונג פון רעדליכן. אפשר וואָלטן מיר דאַן אָנשטאָט דײַטשע אײלדרוקן געהאַט אייגענע קופּערקריצונגען פון גראָטקערס צייכענונגען, פון די בילדער פון מאַטעיקאָ, שעמיגראַדזקין און אַנדערע. אפשר וואָלט אפילו זיך פונאַנדערגעבליט בײַ אונדז אַ נײַע אינדוסטריע־צווײַג".

---

צו דעם זעלבן פעריאָד געהערט דער מאָלער און אויפשטענדלער פון 1863 אַלעקסאַנדער סאָכאַטשעווסקי, וועמענס יִדישער נאָמען איז געווען לייב סענדער (1843—1923). זײַן פאָטער, אַן אָרעמער שמש אין שטעטל אילאָוו, האָט געוואָלט פון זון מאַכן אַ „לײַט" און אים אָפּגעשיקט קיין ווארשע אין דער ראבינער־שול. נאָך אַ האַלב יאָר לערנען פאַרלאָזט ער דעם סעמינאַר און טרעט אַרײַן אין דער העכערער שול פאַר פלאַסטישער קונסט. ער גיט זיך אָפּ מיט ענטוזיאַזם דער קונסט, אָבער גיך ווערט ער אַרײַנגעצויגן אין קרײַזן פון דער פוילישער יוגנט וואָס קעמפט קאָנספּיראַטיוו פאַר פוילנס פרײַהייט, און פון דאַן אָן פירט ער אָן אַ ברייטע פאַטריאָטישע אַגיטאַציע צווישן די סטודענטן פון זײַן שול. קורץ נאָך דעם ווערט ער מיטרעדאַקטאָר פון דער ערשטער אומלעגאַלער צײַטונג פון קליינעם פאָרמאַט „סטראַזשניצאַ", וועלכע ער אַליין פאַרשפרייט, אַזוי גוט אין ווארשע ווי אין דער פּראָווינץ. סאָכאַטשעווסקי, ווי אַן אָנהענגער פון אויפשטאַנד, האָט געהערט צו דער ראַדיקאַלער „רויטער" גרופירונג וואָס האָט פאַרטיידיקט די רעכט פון די פויערים. אין זײַן וווינונג זענען פאָרגעקומען געהיימע פאַרזאַמלונגען און ער האָט אויך בײַ זיך אויסבאַהאַלטן אומלעגאַלן דרוק־מאַטעריאַל. סאָכאַטשעווסקי אַליין האָט זיך קיין מאָל נישט אויסבאַהאַלטן און אויף דעמאָנסטראַציעס האָט מען אים תמיד געזען אין די ערשטע רייען. אין אַ נאַכט פון אויגוסט 1862 איז די פּאָליציי איבערגעפאַלן זײַן וווינונג און בעת דער רעוויזיע האָט זי געפונען אומלעגאַלע דרוקזאַכן. כדי נישט צו ווערן אַרעסטירט, האָט סאָכאַטשעווסקי אומגעוואָרפן צוויי פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן אים געהיט, און איז אַנטלאָפן. ער איז אַריבערגעשפרונגען אַ פּלויט פון אַ שכנותדיקן גאָרטן און באַלד פאַרשוווּנדן. ווען איין פּאָליציאַנט האָט אים שפּעטער אויסגעפונען, האָט ער אויף אים געשאָסן און געצוווּנגען צו אַנטלויפן. סוף־כל־סוף איז סאָכאַטשעווסקי געוואָרן אַרעסטירט און פאַרשפּאַרט אין דער ציטאַדעל. דאָרט ווערט ער אונטערגעוואָרפן ברוטאַלע פּײַניקונגען, אָבער ער גיט קיינעם נישט אויס. דעם 24טן אַפּריל 1863 ווערט ער פאַרמשפּט צום טויט דורך הענגען. אויפן אַנדערן טאָג האָט געזאָלט פאָרקומען די עקזעקוציע פון סאָכאַטשעווסקין און נאָך צוויי פון זײַנע חברים. אין לעצטן מאָמענט, ווען די צוויי חברים האָבן שוין געהאָנגען אויף דער תליה און די ריי איז געקומען אויף סאָכאַטשעווסקין, האָט מען געמאָלדן אַז זיי ווערן באַגנעדיקט און דער אורטייל ווערט פאַרביטן אויף 20 יאָר קאַטאָרגע. סאָכאַטשעווסקי ווערט פאַרשיקט קיין סיביר און קערט זיך פון דאָרט אום אַהיים ערשט נאָך 21 יאָר. די שרעקלעכע פּײַן וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אויף קאַטאָרגע האָט ער באַשלאָסן צו פאַראייביקן אין זײַנע שפּעטערדיקע ווערק. כדי אָנצוגיין מיט זײַן איבערגעריסענעם שטודיום פאָרט ער קיין מינכן, וווּ ער טרעט אַרײַן אין די קרײַזן פון די פוילישע פלאַסטיקערס. געוואָרנדיק אַז דער נאָך דאַן יונגער מאָלער שמואל הירשענבערג געפינט זיך שווער קראַנק אין אַ מינכענער שפּיטאָל, באַזוכט ער אים און באַמיט זיך אים צו העלפן.

אין לעמבערג וווינט דאַן סאָכאַטשעווסקיס אַ פריינד, ד״ר בערנאַרד גאָלדמאַן, מיט וועלכן ער איז צוזאַמען געווען פאַרשיקט אין סיביר, באַשליסט ער אים צו באַזוכן. בײַם דאָקטער אין הויז באַקענט ער זיך מיט ראָזע לעווענשטיין — זײַן שפּעטערדיקע פרוי, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט דעם 23טן נאָוועמבער 1884. אָבער שוין נאָך עטלעכע וואָכן פאַרלאָזט אים די פרוי. די סיבה דערפון איז וואָס סאָכאַטשעווסקי האָט געליטן פון אַ פאַרפאָלגונגסמאַניע צוליב זײַנע קאָשמאַרע איבערלעבונגען אין סיביר, פון וועלכער ער האָט זיך ביזן טויט נישט געקענט באַפרײַען. אָפט איז ער אויפגעקומען אין מיטן נאַכט מיט אַ געשרײַ, געכאַפּט זיך פאַרן געווער און אין שרעק אַרומגעלאָפן איבער אַלע צימערן. די פרוי האָט דאָס נישט געקענט איבערטראָגן און סאָכאַטשעווסקי, בלײַבנדיק איינער אַליין, ווידמעט זיך איצט בלויז דער קונסט. די קאָשמאַרע דערינערונגען פון די סיבירער איבערלעבונגען ברענגט ער אַרויס אין בילדער, פון וועלכע דאָס סאַמע אײַנדרוקספולע איז „דאָס געזעגענען זיך מיט אייראָפּע". די דאָזיקע קאָמפּאָזיציע שטעלט פאָר דעם לעצטן אָפּשטעלפּלאַץ פון די פאַרשיקטע אויף אייראָפּעיִשן באָדן. פאַר אַ גרענעצסלופּ, וווּ עס ענדיקט זיך אייראָפּע און עס הייבט זיך אָן אַזיע, זעען מיר אַ גרופּע אַרעסטאַנטן פון וועלכע אייניקע קניִען אויפן שניי צופוסנס פון גרענעצסלופּ; אַנדערע שפּאַרן אין אים אָן זייערע מידע קעפּ. פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס קוקן זיך צו נײַגעריק צום גרענעץ־צייכן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט זיך אים אײַנקריצן אין זכרון; צווישן די אָבסערווירערס געפינט זיך אויך די געשטאַלט פון מחבר גופא און פון אייניקע זײַנע חברים וואָס האָבן מיט אים געטיילט דעם גורל. הינטער דער גרופּע זעט מען אַ לאַנגע ריי פון די פאַרשיקטע: מענער, פרויען און קינדער, וואָס ווערן באַוואַכט פון רײַטנדיקע קאָזאַקן.

און אָט איז אַ צווייט בילד פון קינסטלערס אַ גאַנצער סעריע, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „די געשיכטע פון די אַנטלאָפענע". דאָס בילד שטעלט פאָר אַ פאַרשנייטן מדבר בעת אַ זאַווערוכע. מען זעט אַ מאַן וואָס קעמפט מיטן צעבושעוועטן שטורעמווינט. ער טוליעט צו זײַן ברוסט אַ קליין קינד. הינטער אים ליגט אַ טויטע פרוי שוין האַלב פאַרשיט מיט שניי. פון דעם מאַנס ברייט־צעעפנטע אויגן שרײַט אַרויס די שרעק פאַרן אומפאַרמײַדלעכן טויט.

אויף אַזעלכע שוידערלעכע טעמעס האָט סאָכאַטשעווסקי געשאַפן הונדערט און עטלעכע צוואַנציק בילדער פון גרעסערן און קלענערן פאָרמאַט. און כאָטש די אויסשטעלונגען פון זײַנע בילדער אין אַ סך שטעט — אין בריסל, ווין, בודאַפּעסט, מינכן, לעמבערג — האָבן גרויס דערפאָלג, האָט אָבער דער קינסטלער שווערע מאַטעריעלע זאָרגן און ער לעבט אין נויט. דאָס דערקלערט זיך דערמיט וואָס דער קינסטלער וויל זיך נישט צעשיידן מיט זײַנע בילדער וואָס זענען פאַר אים ווי אַ המשך פון זײַן פריִערדיקן לעבן, פון וועלכן ער קען זיך נישט אָפּרײַסן. ס׳דערגייט אפילו צו דעם אַז אין ווין לייגט מען אַרויף אַן אַרעסט אויף זײַנע בילדער פאַר נישט צאָלן דירה־געלט. די פוילישע בורזשואַזיע, וואָס ווייסט פון קינסטלערס נויט, שטיצט אים בלויז מיט גוטע עצות.

ווען אין יאָר 1913 זענען אין לעמבערג אויסגעשטעלט געוואָרן סאָכאַטשעווסקיס בילדער, האָט דער דאָרטיקער שטאָטראַט פאָרגעשלאָגן דעם קינסטלער, ער זאָל פאַרקויפן דער שטאָט די ווערק אויף סיבירישע טעמעס. סאָכאַטשעווסקי האָט אָפּגעזאָגט, און דאַן האָט דער שטאָטראַט באַשלאָסן אויסצוצאָלן אים אַ יערלעכע פּענסיע פון 4800 זלאָטעס מיטן תנאי אַז אַלע זײַנע סיבירער בילדער זאָלן אַריבערגיין נאָכן טויט צו דער לעמבערגער שטאָטישער קונסט־גאַלעריע. דערויף איז סאָכאַטשעווסקי יאָ אײַנגעגאַנגען, אָבער דאָס האָט ווייניק וואָס פאַרבעסערט זײַן לאַגע. באַלד איז אויסגעבראָכן די מלחמה און פאַר די דעוואַלויִרטע זלאָטעס איז דעם קינסטלער שווער געווען דורכצוקומען. אַזוי איז סאָכאַטשעווסקי געשטאָרבן אין נויט אין יאָר 1923, אין ווין, און די לעמבערגער קונסט־גאַלעריע איז געוואָרן די יורשטע פון זײַנע בילדער.

צו דער גרופּע עלטסטע פויליש־יִדישע מאָלערס געהערן די ברידער יוסף און שמעון בוכבינדער. שמעון איז שטאַרק באַרימט געוואָרן צוליב זײַנע קליינע, מיזאַם אויסציזעלירטע בילדלעך. ער

איז געבוירן געוואָרן אין ראַדזין, אין יאָר 1850. זײַן פֿאָטער, אַן אײַנבינדער, האָט אויך געהאַט קינסטלערישע פֿעיִקייטן. שמעון האָט צו ערשט שטודירט אין וואַרשע אונטער דער פּעדאַגאָגישער אָנפֿירונג פֿון וואָיטשעך גערסאָן און ראַפֿאַל האַדזשעוויטש, און דערנאָך אין דער ווינער אַקאַדעמיע. אַ געוויסע צײַט איז שמעון בוכבינדער געווען דעקאָראַטאָר פֿון דער ווינער אָפּערע. נאָך זײַן אומקערן זיך קיין וואַרשע איז ער געוואָרן דער קינסטלערישער אָנפֿירער פֿון דעם „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני". זײַן מאָלערײַ איז געווען אין סטיל פֿון די האָלענדישע מײַסטערס („די קליינמײַסטערס") און די טעמעס זענען געווען פֿאַרשידן. אויף אַ היסטאָרישער טעמע איז געווען „זיגמונט דער דריטער און זײַן גאָלדשמידערײַ". אַ צווייט בילד ווײַזט דעם רעכן־מײַסטער, ווי ער ציילט גאָלדשטיקלעך (דאָס בילד איז דאָס אייגנטום פֿון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט). פֿאַראַן אויך אַ סך בילדער אויף ייִדישע טעמעס ווי „דער ייִדישער הענדלער", „דער ייִד וואָס דאַוונט" און אַנדערע. אין דער וואַרשעווער „זאַכענטאַ" געפֿינען זיך די ווײַטערדיקע בילדער פֿון שמעון בוכבינדער: „דער אָקס און די קו", „דער קאָפּ פֿון אַ גלח" און דער „פּאָרטרעט פֿון מאַלינאָווסקין". דער קינסטלער איז דערנאָך אָפּגעפֿאָרן קיין דײַטשלאַנד, האָט זיך לכתחילה באַזעצט אין בערלין און שפּעטער אין מינכן.

כאָטש שמעון בוכבינדערס בילדער זענען געווען פֿון קליינעם פֿאָרמאַט, האָט ער אָבער אין זיי אַרײַנגעלייגט אַ סך מי און אַרבעט און ס'האָט געטראָפֿן אַז אַ קליין בילדל האָט בײַ אים געדויערט צוויי יאָר. זײַנע בילדער זענען געווען הויך געשאַצט און מ'האָט זיי מערסטנס אָפּגעקויפֿט פֿאַר באַרימטע קונסט־גאַלעריעס. אין מוזיי וואָס געפֿינט זיך אין מאַטעיקאָס הויז אין קראָקע, איז פֿאַראַן אַ פֿאַרבבערעט מיט אויסגעמאָלטע אויטאָפּאָרטרעטן פֿון פֿינף מאַטעיקאָס תּלמידים, צווישן זיי אויך פֿון שמעון בוכבינדער.

יוסף בוכבינדער איז געבוירן געוואָרן אין מאָרדי, אין יאָר 1839. ער איז געווען אַ פֿרײַנד פֿון הענריק רעדליך, מיט וועלכן ער איז אין 1862 צוזאַמען אָפּגעפֿאָרן קיין דרעזדן. יוסף בוכבינדער איז אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער השפּעה פֿון מאַנערירטן פּסעוודאָ־קלאַסיציזם פֿון די „נאַזאַרענער" און האָט געמאָלט בלויז רעליגיעזע בילדער. יוסף בוכבינדער, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַ גוטע טעכניק און זיך אָפּגעגעבן בלויז דער קירכלעכער מאָלערײַ, האָט איבערגענומען די קינסטלערישע אָנפֿירונג מיטן „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני", נאָך זײַן ברודערס אָפּפֿאָרן קיין דײַטשלאַנד. ער האָט פֿאַרן זשורנאַל געצייכנט אַ סך פּאָרטרעטן פֿון באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן פֿון זײַן צײַט.

מאַקסימיליאַן פֿאַיאַנס איז געבוירן געוואָרן דעם 5טן מײַ 1827, אין שעראַץ. און געשטאָרבן דעם 26טן יולי 1890 אין וואַרשע. ער איז געווען אַ תּלמיד פֿון דער שול פֿון שיינער קונסט אין וואַרשע, וווּ ער האָט ביז 1848 שטודירט בײַ די פּראָפֿעסאָרן אַלעקסאַנדער קאָקולאַר, כאַדזשיעוויטש און פּיוואַרסקי. אין 1849 איז פֿאַיאַנס אָפּגעפֿאָרן אויף ווײַטערדיקן שטודיום קיין פּאַריז, וווּ ער איז געוואָרן דער תּלמיד פֿונעם באַרימטן פֿראַנצויזישן קינסטלער אַרי שעפֿיר, — מחבר פֿון באַקאַנטן פּאָרטרעט פֿון אַדאַם מיצקעוויטש. די ליטאָגראַפֿישע קונסט האָט ער זיך געלערנט בײַ עמיל לאַסאַל.

אין 1853 קערט זיך פֿאַיאַנס אום קיין וואַרשע, וווּ ער עפֿנט דעם ערשטן כראָמאָ־ליטאָגראַפֿישן אַנשטאַלט אין פּוילן. ער האָט ליטאָגראַפֿירט און געצייכנט פּאָרטרעטן פֿון די באַרימטסטע פּערזענלעכקייטן פֿון זײַן צײַט: שרײַבערס, מוזיקערס און וויסנשאַפֿטלערס. ער האָט געמאַכט אַ סך ליטאָגראַפֿיעס און אָריגינעלע צייכענונגען צום באַקאַנטן ווערק פֿון ראָסטאַוויעצקי און פּשעזשדזשעצקי, אונטערן נאָמען „בײַשפּילן פֿון דער מיטל־עלטערלעכער קונסט". אין די יאָרן 1857—1866 האָט פֿאַיאַנס אַרויסגעגעבן כראָמאָ־ליטאָגראַפֿישע קאַלענדאַרן, ווי אויך דעם ליטאָגראַפֿישן אַלבום „די ווײַסל". ער האָט אויך געמאַכט די פּאָרטרעטן פֿון פּרעזידענט פֿון דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע, ווענזשיק, פֿון קאָמפּאָזיטאָר אייזנער (שאָפּענס לערער), פֿון פּאָעט אָדיניעץ און דעם אַרצבישאָף פֿיאַלקאָווסקי. דער מוזיי אויפֿן נאָמען פֿון מאַטיאַס בערסאָן אין וואַרשע האָט געהאַט אַ ליטאָגראַפֿיע פֿונעם פּאָרטרעט פֿון קינסטלער אַלעקסאַנדער לעסער, אויסגעפֿירט לויט דער צייכענונג פֿון פֿאַיאַנסן.



מאַקסימיליאַן פֿאַיאַנס איז געווען אַ פֿאַרגעשריטענער קינסטלער און האָט אַ סך בײַגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פֿון דער רעפּראָדוציר־קונסט. ס'זענען אין דער ערשטער העלפֿט פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט געווען אין וואַרשע נאָך אַ סך אַנדערע ייִדישע מאָלערס סקולפּטאָרן און אַרכיטעקטן, וועמענס נעמען זענען ווינציק דערגאַנגען צו דער עפֿנטלעכקייט. אַזוי איז מען אין 1828 געוואָר געוואָרן פֿון דער עקסיסטענץ פֿון ראַפֿאַל אײַזענבוים — מסתּמא אַ ברודער פֿון אַנטאָני אײַזענבוים — דירעקטאָר פֿון דער ערשטער ראַבינער־שול אין קעניגרײַך פּוילן, באַקאַנט אויך ווי אַ פּראָגרעסיווער כּלל־טוער. ראַפֿאַל אײַזענבוים האָט אין יענעם יאָר זיך פּרעזענטירט אויף דער וואַרשעווער קונסט־אויסשטעלונג מיט פֿיר צייכענונגען פֿון אַ פּראָיעקט פֿאַר אַ צאָלקאַמער. אײַזענבוים האָט שטודירט אין דער פּאַריזער קאָנסערוואַטאָריע.

אין דער זעלבער אויסשטעלונג און אויך אויף די שפּעטערדיקע וואַרשעווער אויסשטעלונגען טרעפֿן מיר די נעמען פֿון אַ ריי וואַרשעווער ייִדישע פּלאַסטיקערס, ווי: לודוויק בערגסאָן, איגנאַצי געפּנער, לודוויק גראָסמאַן, גלאַסער און אַנדערע. פֿון זיי האָט לודוויק בערגסאָן אויסגעשטעלט זײַנע אייגענע צייכענונגען, אָבער דאָס רוב קאָפּיעס לויט אַלטע מײַסטערס.

פֿון די פּאָרטרעטיסטן פֿון יענער צײַט איז באַזונדער געווען געשעצט סטאַניסלאַוו הײַמאַן. געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1843, האָט ער דאָ געענדיקט די רעאַלשול און דערנאָך אַרײַנגעטראָטן אין דער וואַרשעווער הויכשול פֿון שיינער קונסט. דאָס איז אויסגעפֿאַלן שוין אין די לעצטע יאָרן פֿון דער עקסיסטענץ פֿון דער הויכשול, פֿאַרן אויסבראָך פֿון יאַנואַר־אויפֿשטאַנד. אין יאָר 1864 איז הײַמאַן צוזאַמען מיט הענריך רעדליך און יוזעף בוכבינדער אָפּגעפֿאָרן אויף ווײַטערדיקן שטודיום קיין דרעזדן און פֿון דאָרט קיין מינכן. אין 1867 האָט הײַמאַן זיך אומגעקערט קיין וואַרשע וווּ ער האָט געאַרבעט אין אַטעליע פֿון גרויסן פּאָרטרעטן־מײַסטער לעאָפּאָלד האָראָוויץ, וועלכער האָט אין יענער צײַט זיך באַזעצט אין וואַרשע און געמאָלן טײַער־באַצאָלטע פּאָרטרעטן פֿון דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע. אין 1873 פֿאָרט הײַמאַן ווידער קיין מינכן, וווּ ער מאָלט אַ גאַנץ יאָר בילדער פֿון שטייגערישן כאַראַקטער. נאָכן אומקערן זיך קיין וואַרשע גיט ער זיך אָפּ דער עיקר מיט פּאָרטרעטן־מאָלערײַ, אָבער ער שאַפֿט אויך בילדער אויף ייִדישע טעמעס. פֿון זיי איז צום שטאַרקסטן באַקאַנט זײַן „ייִדישער הענדלער בעת אַ שניי־זאַווערוכע". ער האָט זײַנע בילדער אָפֿט אויסגעשטעלט אין דער וואַרשעווער „זאַכענטאַ", וועגן וואָס ס'ווערט דערמאָנט אין אַלטע יאָרביכער פֿון „קלאָסי" און „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני". ס'האָבן וועגן אים געשריבן אָפּהאַנדלונגען וואָיטשעך גערסאָן, אַלעקסאַנדער לעסער, הענריק סטרוּווע א"א. הײַמאַן האָט אויך געהאַט בילדער־אויסשטעלונגען אין אויסלאַנד. געשטאָרבן איז ער אין וואַרשע אין

יאָר 1919. אויף דער אויסשטעלונג פון דער ווארשעווער גמינע אין זומער 1921 האָט זיך געפונען הײמאַנס "ציגײַנערין". וואָס שייך דער „זאַכענטאַ", זענען דאָרט געווען אויסגעשטעלט הײמאַנס „שטודיע פון אַ מאַן" און „אויטאָפּאָרטרעט" — אַ מתנה פון זײַן זון.

צו די עלטסטע ווארשעווער ייִדישע קינסטלערס געהערן אויך מאַוריצי טרעמבאַטש (זען די ארבעט אין פנקס אויף די זײַטן 345—356) און אַדאָלף עדוואַרד הערשטיין (1869—1932).

הערשטיין האָט אָנגעהויבן זײַן שטודיום בײַ וואָיטשעך גערסאָנען. אין 1903 שטעלט הערשטיין אויס זײַנע ארבעטן אין ווארשע, און די צײַטשריפט „ווענדראָוויעץ" שרײַבט דאַן: „ס'איז צו באַוווּנדערן אויף דער אויסשטעלונג הערשטיינס אייל־מאָזאיקעס".

אין 1905 מוז הערשטיין פאַרלאָזן ווארשע, ווײַל די רוסישע מאַכט האָט אים באַצייכנט ווי אַ געפערלעכן רעוואָלוציאָנער צוליב די אָפטע פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען וואָס זענען פאָרגעקומען בײַ אים אין הויז. דער קינסטלער פאָרט אָפּ קיין מינכן און דערנאָך קיין בערלין. דאָרט שטעלט מען אים פאָר דעם באַרימטן מאָלער מאַקס ליבערמאַן, וועלכער באַקענט זיך מיט הערשטיינס ווערק און אַ צופרידענער פאַרבעט ער אים צו באַטייליקן זיך אין די אויסשטעלונגען פון דער אַזוי גערופענער „סעצעסיע־גרופּע". די אויסשטעלערס פון דער „סעצעסיע" זענען דעמאָלט געווען אַן אמתער אַוואַנגאַרד — נעמענדיק אין אַכט אַז דער מיליטערישער גײַסט און די שטײַפע פרײַסישע דיסציפּלין האָבן דורכגעדרונגען אפילו דאָס געביט פון קונסט. דער רעפּרעזענטאַנט פון דעם מיליטאַריסטישן אויסדרוק אין דער דײַטשער קונסט איז געווען דער פּאַוואָריט פון קייסער ווילהעלם דעם צווייטן, דער מאָלער אַנטאָן ווערנער. די „סעצעסיע", צו וועלכן ס'האָט געהערט הערשטיין, האָט שאַרף באַקעמפט די רעאַקציאָנערע מאָלערײַ וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום שײַכות מיט אמתער קונסט. הערשטיינס מאָלערײַ האָט אַ סך פּאָזיטיווע שטריכן: פרישקייט, וואַרעמקייט און דער עיקר אַן עפּישע טענדענץ. אין קעגנזאַץ צו די אימפּרעסיאָניסטן פון דער זעלבער גרופּע, וואָס האָבן אויפגענומען די דערשײַנונגען לויט זייערע אײַנדרוקן, האָט הערשטיין געמאָלט די נאַטור גאַנץ רעאַליסטיש. זײַנע בילדער האָט ער אויסגעשטעלט אין בערלין, אין סאַלאָן פון דעם דעמאָלט זייער פּראָגרעסיוון פּאַול קאַסירער. אין די קאַטאַלאָגן פון די „סעצעסיע"־אויסשטעלונגען פיגורירט הערשטיין סײַ אין די קאָלעקטיווע אויסשטעלונגען, סײַ באַזונדער. אין 1911 זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן זײַנע בילדער אין דער דײַטש־ייִדישער צײַטשריפט „אָסט־וועסט". איינע פון זײַנע ארבעטן שטעלט פאָר אַ פאַרביקע לאַנדשאַפט פון מענטשן און חיות. אויך אין דער צײַטשריפט „פראַצאַ", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין פּויזן אין די יאָרן 1899—1913, זענען דערשינען רעפּראָדוקציעס פון הערשטיינס בילדער, צווישן זיי מענער־פּאָרטרעטן, לאַנדשאַפטן פון דעם אינדזל רוגיע, סטאַדעס שאָף א"א.

אין די אַלע יאָרן וואָס הערשטיין איז געווען אין אויסלאַנד האָט ער זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט די געשעענישן אין פּוילן, וווּ ער פלעגט אויך אָפט אויסשטעלן זײַנע בילדער. אין 1926 האָט ער געהאַט אויף דער אויסשטעלונג פון דער ווארשעווער „זאַכענטאַ" אַ באַזונדערן זאַל. אין „זאַכענטאַ" האָבן דעמאָלט אויך אויסגעשטעלט זייערע ארבעטן די באַרימטע מאָלערין זאָפיאַ סטריִענסקאַ, וולאַדיסלאַוו שלעווינסקי און נאָוואַקאָווסקי, וואָס איז אויך געווען אַרכיטעקט. אין דײַטשלאַנד זענען הויך געשאַצט געוואָרן הערשטיינס ווערק נישט בלויז דורך מאַקס ליבערמאַנען, נאָר אויך דורך די גרויסע מאָלערס קאָרינט און סלעפאָגט. אין 1915 האָט קאָרינט געמאָלט הערשטיינען אויף איין בילד מיטן קינסטלער פּאַרטנער.



אַחוץ גרויסער מאָלער איז הערשטיין אויך געווען אַ גלענצנדיקער צייכענער און קריצער אין שײַכות מיט זײַן טויט (1932) האָט די פּוילישע אויסגאַבע „שטוקי פּיענקנע" (שיינע קונסט) געשריבן אָט וואָס: „דער פאַרשטאָרבענער האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין לעבן פון דער פּוילישער קאָלאָניע אין בערלין און איז אויך געווען אַן ערן־מיטגליד פון דער „געזעלשאַפט פון פּוילישער שוץ".

צו זײַנע בעסטע תּלמידים, אויף וועלכע הערשטיין האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה, האָט געהערט ראָמאַן קראַמשטיק.

---

נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905 האָט די צאַרישע מאַכט פאַרשאַרפט די אונטערדריקונג אויף די ארבעטער־מאַסן, און צוזאַמען מיט דער פּוילישער רעאַקציע האָט מען זיך באַמיט אויפצוהעצן די נידעריקסטע אינסטינקטן בײַם פאָלק. די פּוילישע רעאַקציאָנערע פרעסע האָט אויך נישט געשוינט די קינסטלערס. מ'האָט אָנגעהויבן צו באָיקאָטירן מאָלערס, סקולפּטאָרן און אַנדערע פּלאַסטיקערס וואָס זענען געווען פון ייִדישן אָפּשטאַם און מ'האָט נישט דערלויבט זייערע ארבעטן צו ווײַזן אויף די אַלגעמיינע אויסשטעלונגען. אייב איניקע פון זיי איז דאָך געלונגען אויסצושטעלן זייערע בילדער אין דער „זאַכענטאַ", האָבן „אומפּאַרטייִשע קריטיקערס" נישט־באַמערקט זייערע עקספּאָנאַטן. מ'האָט אפילו פאַרשוויגן אַזאַ טאַלאַנטירטן סקולפּטאָר ווי הענריק קונאַ, וואָס האָט דעמאָלט אויפגעשײַנט אויפן הימל פון דער פּוילישער קונסט. און ס'האָט דאָ נישט געהאָלפן וואָס קונאַ איז שוין לאַנג געווען געשמדט. נאָך מער: אפילו דאָס באַזוכן די „זאַכענטאַ" איז ייִדן געוואָרן באַשווערט, אַפּשיטאַ שוין די לאַנג־געקליידטע ייִדן, וועמען ס'איז געווען פאַרבאָטן דער אַרײַנגאַנג אין זאַקסישן גאָרטן, כאָטש אין שכנות האָט געוווינט אַ געדיכטע ייִדישע באַפעלקערונג.

וועגן די הערשנדיקע באַדינגונגען אין דעמאָלטיקן פּוילן האָט געשריבן נח פּרילוצקי אין זײַן בוך „באַרג אַרויף".

דאָס פאַרשווײַגן די ייִדישע שאַפונגען האָט גורם געווען אַז ס'זאָלן אָרגאַניזירט ווערן באַזונדערע אויסשטעלונגען אין דער ייִדישער געגנט. די ערשטע ייִדישע אויסשטעלונג איז געעפנט געוואָרן אין קרינסקיס שול. ס'זענען דאָ געוויזן געוואָרן די ארבעטן פון טרעמבאַטש, ווײַנלעס און גאַבאָוויטש — אַלע שוין דאַן גוט־באַקאַנטע קינסטלערס. די אויסשטעלונג איז געווען מאַסנדיק באַזוכט דורך ייִדן און ס'זענען אויך דעמאָנסטראַטיוו געקומען פּראָגרעסיווע פּוילישע אינטעליגענץ און ארבעטערס. אַ שפּעטערדיקע אויסשטעלונג (אין 1913) איז שוין געווען בעסער אָרגאַניזירט און איז פאָרגעקומען אין דער גאַלעריע לוקסעמבורג. דאָ האָבן זיך באַטייליקט די ווארשעווער מאָלערס און סקולפּטאָרן: מאַוריצי מינקאָווסקי, מאַוריצי טרעמבאַטש, סטאַניסלאַוואַ צענטנערשווער און אברהם אײַזענבערג. ס'האָט דאַן אויסגעשטעלט זײַנע ווערק דער גרויסער רוסישער סקולפּטאָר איליאַ גינסבורג (1859—1939), באַרימט דערמיט, וואָס ער האָט געשאַפן די ביוסטן פון טאָלסטאָיען, ווערעשטשאַגין, ריעפּינען און סטאַסאָוון. די דאָזיקע אויסשטעלונג האָט שוין אפילו די רעאַקציאָנערע פרעסע נישט געקענט פאַרשווײַגן.

מיר וועלן דאָ איבערגעבן די ביאָגראַפיעס פון די דאָזיקע אויסשטעלערס.

יאַקוב ווײַנלעס איז געבוירן געוואָרן אין 1860 אין קאָנ־

סטאַנטשין. געלערנט האָט ער אין וואַרשע, וווּהין די עלטערן האָבן זיך גיך איבערגעצויגן. ווײַנלעס האָט אָנגעהויבן זײַן שטודיום בײַ וואָיטשעך גערסאָנען אין דער צייכנשול. שפּעטער איז ער אָנגעגאַנגען מיט זײַן ווײַטערדיקן לערנען אין דער מינכענער קונסט־אקאַדעמיע בײַ פּראָפעסאָר מאַר. נאָכן אומקערן זיך אין וואַרשע האָט ווײַנלעס זיך באַזעצט אין דער ייִדישער געגנט און אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט ער דאָרט געמאָלט בילדער אויף אויסשליסלעך ייִדישע טעמעס וואָס ער האָט געשעפּט פון זײַן סביבה. ער האָט געמאָלט דער עיקר קליינהענדלערס, ייִדן וואָס האָבן געלעבט פון דער לופט, בעל־מלאכות און אַרבעטערס. ער איז אַזוי פאַרכאַפּט געווען פון די ייִדישע טיפּן, אַז ער האָט שוין נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן אַן אויסגעפּאַשעטן קרעמער און אַן אָרעמען גאַסנהענדלער, וואָס האָט געשלעפּט מיט די לעצטע כוחות אַ וועגעלע מיט גרינוואַרג און איז דערצו געווען פאַרפאָלגט פון אַ „גראַנאַטענעם" פּאָליציאַנט. ביידע האָט ער געמאָלט מיט דער זעלבער ליבשאַפט און אייפער... אַ בעטלער, אַ קאַליקע, אַ וואַסער־טרעגער, אַ דאַוונענדיקן צבועק, אײַנגעהילט אין אַ טלית — אַ ווולגאַרער, אומסימפּאַטישער טיפּ, וואָס קען אין פּריוואַטן לעבן זײַן אַ גרוביאַן און אַ שווינדלער — די אַלע קענען בײַ ווײַנלעסן, האָבן אַפילו די זעלבע טאָנאַציע ווי בײַ אַן אָרעמען, אײדעלן, אַסקעטישן און טיפגלויביקן מאַן. די טעמאַטיק אין אַ סך פון זײַנע בילדער איז געווען די ייִדישע טראַדיציע, כאָטש דער קינסטלער אַליין האָט זיך אין איר נישט געהאַלטן און איז געגאַנגען אָנגעטאָן און האָט זיך געפירט אייראָפּעיִש. זײַנע מאָטיוון זענען אָפט אַ וויכוח בײַ חסידים, דבקות בײַ די מתפּללים, יום־כיפּור, פרומע ווײַבער, יונגע תלמודיסטן א"אַ. אָבער ווײַנלעס האָט אויך געמאָלט פּייזאַזשן און שטיללעבנס, וואָס האָבן פאַרכאַפּט מיט זייער רײַכער קאָלאָריסטיק. ווײַנלעסעס שאַפונג קען מען כאַראַקטעריזירן ווי אַן אידעאַליזירונג וואָס איז דערגאַנגען ביז צו פעלשן דאָס לעבן פון די ייִדישע מאַסן אין וואַרשע. דער קינסטלער האָט זיך מײנסטנס באַנוצט מיט סטיליזירן און פאַרשענערן די ווירקלעכקייט.

ווײַנלעס איז געשטאָרבן אין וואַרשע דעם 7טן יולי 1933.

גאַנץ אַנדערש איז געווען מאָריץ מינקאָווסקי. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1881 אין וואַרשע, בײַ פאָרגעשריטענע עלטערן. בײַ אים קומט אויפן נאָבלסטן אופן צום אויסדרוק דער ייִדישער פאָלקלאָר און די אמתע ספּעציפישע שיינקייט פון ייִדישן לעבן בײַ די ייִדישע פאָלקסמאַסן. מינקאָווסקי איז געווען אַ פענאָמענאַלער טיפּ אויך צוליב זײַן טויב־שטומקייט, וואָס איז אים געקומען דורך אַן אומגליקספאַל אַלס 5יעריק ייִנגל. די עלטערן האָבן זיך געשראָקן אַז זייער קאַליקע וועט זיך נישט קענען קיין עצה געבן אין לעבן, אָבער דער קליינער מאָריץ האָט אַרויסגעוויזן גרויס רירעוודיקייט און דערצו אויסערגעוויינלעכע מאָלערישע פעיִקייטן. צו 14 יאָר האָט ער שוין געמאַכט אַזעלכע וווּנדערלעכע פּאָרטרעטן, אַז עס האָט פאַר אים פּאָזירט אַפילו דער וואַרשעווער גענ'־גובערנאַטאָר, וואָס האָט אים פאַרן געלונגענעם פּאָרטרעט געשאָנקען 300 רובל. אין יאָר 1900 הייבט מינקאָווסקי אָן זײַן העכער שטודיום אין דער קראָקאָווער שול פון שיינער קונסט. זײַנע פּראָפעסאָרן זענען געווען דער באַרימטער פּייזאַזש־מײַסטער יאַן סטאַניסלאַווסקי און דער גרויסער מאָלער און גראַפיקער לעאָן וויטשולקאָווסקי. אין 1905 ענדיקט מינקאָווסקי די אַקאַדעמיע מיטן אַן אויסצייכענונג. ער קערט זיך אום קיין וואַרשע ווו ער מאָלט לאַנדשאַפטן און פּרעכטיקע פּאָרטרעטן. נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין 1905 קומט די בלוטיקע הערשאַפט פון סטאָליפּינען און די פּאָגראָמען פון די שוואַרץ־מאַהניקעס אויף ייִדן און אַרבעטערס. דאַן ווערט מינקאָווסקי געשיקט פון אַ צײַטונג קיין ביאַליסטאָק, ווו ס'איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקער פּאָגראָם. די דאָזיקע רײַזע איז געווען דעצידירנדיק פאַרן קינסטלערס ווײַטערדיקן שאַפן. די גרוילן וואָס ער האָט זיך דאָרט אָנגעזען צווינגען אים אָפּצוּוואַרפן די קונסט לשם קונסט און ער שפּאַנט אײַן זײַן שעפערישקייט אין קאַמף פאַר גערעכטיקייט און גלײַכהייט פון אַלע מענטשן.

פּשוט און רעאַליסטיש ווײַזט מינקאָווסקי די פּאָגראָמגרוילן אין אַ ריי בילדער און די גרויסע עוולה וואָס געשעט די אָרעמסטע. ער ווערט אַ מאָלער פון פאָלק און ברענגט אַרויס אין זײַנע בילדער די אָרעמסטע שיכטן פון דער געזעלשאַפט, די שיכטן וואָס זענען תמיד געווען אויסגעלאַכט און מיט וועלכע מ'האָט זיך געשעמט. צום שטאַרקסטן האָט אָבער מינקאָווסקי ליב באַקומען קינדער, בפרט די וואָס מ'האָט בײַ זיי פון די פריִיקסטע יאָרן צוגענומען די קינדהייט. דער קינסטלער ציט זיך אַרײַן אין אַ דאַכשטיבל אויף סמאָטשע, ווײַל ער וויל זײַן נאָענט פון זײַנע מאָדעלן. ער האָט ליב די קינדער צו שענקען מתנות און פרייט זיך צוזאַמען מיט זיי. ער מאָלט די קינדער נישט אַזוי ווי מ'זאָל רחמנות האָבן אויף זייער אָרעמקייט, נאָר אַזוי ווי ער וואָלט זיי געוואָלט זען אין דער ווירקלעכקייט. זיי זענען בײַ אים אײדל, ווערדיק און שטאָלץ, כאָטש זיי גייען אָרעם אָנגעטאָן. מינקאָווסקי האָט ליב געהאַט שיינקייט און דעריבער איז בײַ אים אַ טראַגעדיע אַפילו נישט אַרויסגעקומען אין אָפּשטויסנדיקע פאָרמען. ער האָט ליב געהאַט פּוילן מיטן גאַנצן האַרצן און יעדע עוולה וואָס איז איר געשען האָט ער אויפגענומען ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג. נאָך מער איז ער געווען פילבאַר אויף די עוולות וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן די ייִדישע מאַסן. מינקאָווסקיס גרויסער פאַרדינסט איז, וואָס ער האָט געפונען אַ פּאַסיקע פאָרעם כדי אַרויסצוברענגען אויף בילדער ייִדישן אינהאַלט. דערגרייכט האָט ער עס אַ דאַנק זײַן שטודירן די ייִדישע אָרנאַמענטיק, אַלטע וואַנטמאָלערײַען אין די שילן פון פּוילן. ער פאָרשט רעליגיעזע חפצים, אָפט קינסטלעריש אויסגעשניצטע, אָדער באַאַרבעטע אין מעטאַל. אַזוי אַרום האָט ער פון אַלטע פאָרמען־באַפּוצונגען אַרויסבאַקומען אַ סינטעז פון אַ נײַעם סטיל. מינקאָווסקי איז געווען אַ גרויסער אָפּטימיסט און האָט אומערמידלעך געזוכט נײַע קוואַלן פון שיינקייט, כדי זיי אָנצוּווענדן אין זײַנע שאַפונגען. מינקאָווסקיס רום איז ווײַט איבערגעשטיגן די פּוילישע גרענעצן. מ'האָט אים געקענט אין פראַנקרײַך, דײַטשלאַנד און ענגלאַנד, ווו זײַנע שאַפונגען, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן, זענען אויפגענומען געוואָרן מיטן גרעסטן ענטוזיאַזם.

מינקאָווסקי איז געשטאַנען נאָענט צו דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, און דאָס האָט מען אויך געזען אויף זײַן בילדער־אויסשטעלונג אין וואַרשע אין 1923. ס'זענען דאָרט געווען העכער 100 בילדער, און צווישן זיי איינס וואָס האָט געהייסן „ערשטער מײַ". מ'דאַרף זאָגן אַז אין יענער צײַט איז געווען גאַנץ ווייניק קינסטלערס וואָס האָבן געהאַט דעם מוט צו מאָלן אַ קעמפעריש בילד פון אַן אַרבעטער־יום־טוב. אַ צווייט בילד האָט פאָרגעשטעלט אַ פּוילישע תפיסה און נאָך אַן אַנדערס — אַ לאַנגע ריי אָרעמע־לײַט פאַר אַ ביליקער קיך. מ'זעט דאָרט גרויע געשטאַלטן פון הונגעריקע מענטשן, וואָס וואַרטן אין דער קעלט אויף אַ שיסעלע וואַרעם געקעכטס. אָט ווײַזט אַ בילד אַן אַזיל פאַר הימלאָזע און דערנעבן אַ לײַוונט מיט דער צושריפט: „בײַם ראַנד פון וועג". ס'ווערט דאָ געשילדערט אַ גרופּע מידע מענטשן וואָס רוען אין אַ זײַט פון טראַקט.

די מערהייט פון מינקאָווסקיס בילדער האָט פאַר אַ טעמע דעם ייִדישן פאָלקלאָר. אַזוי ווערט דער בית־עולם אַרויסגעבראַכט בײַם קינסטלער אין 7 וואַריאַנטן, און אויך אַנדערע בילדער האָבן בײַ

אים אָרנאַמענטן וואָס מען טרעפט אויף מצבות. זײַן „אסתר המלכה" קען באַצייכנט ווערן ווי אַ נײַע ספּעציפישע פאָרעם פון ייִדישער טעמאַטיק אין זײַן קונסט. צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע געהערן די בילדער: „אַ יונג ווײַבל אין שיל", „מזכיר נשמות", „רבקה", די פאַרבענקטע", און נאָך אַנדערע.

דער גרויסער ייִדישער דיכטער י. ל. פּרץ האָט הויך געשאַצט מינקאָווסקיס שאַפונגען און אַליין בײַ אים געקויפט עטלעכע בילדער.

אין 1930 זענען מינקאָווסקי און זײַן פרוי אָפּגעפאָרן קיין אַרגענטינע, וווּ ער האָט געהאַט קרובים. אין בוענאָס־אײַרעס האָט ער געהאַט אַן אויסשטעלונג פון זײַנע בילדער, וואָס איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג.

דער קינסטלער האָט געטראַכט זיך צו באַקענען מיטן לעבן פון די אַרגענטינער ייִדישע קאָלאָניסטן וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט פון מזרח־אייראָפּע און משמעות האָט ער אויך געוואָלט מאָלן בילדער אויף מאָטיוון פון דער קאָלאָניזאַציע, אָבער ס'איז געשען מיט אים אַן אומגליק: ער איז דעם 23טן נאָוועמבער 1930 איבערגעפאָרן געוואָרן דורך אַן אויטאָ און באַלד געשטאָרבן. ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין בוענאָס־אײַרעס אויפן בית־עולם פון ליניערס.

אַ דאַנק די באַמיִונגען פון דער ייִדישער געזעלשאַפט אין אַרגענטינע איז אָפּגעקויפט געוואָרן מינקאָווסקיס קינסטלערישע ירושה און אין 1942 איז געעפנט געוואָרן אין אַרגענטינער ייִוואָ דער מוזיי אויפן נאָמען פון מאָריץ מינקאָווסקי.

גאָר אַן אַנדער ריכטונג אין דער קונסט און אויך אַן אַנדערן וועלטבאַנעם האָט אַרויסגעבראַכט מינקאָווסקיס מיטצײַטלער יוסף גאַבאָוויטש.

ער איז געבוירן געוואָרן אין קאָלנע בײַ לאָמזשע, אין יאָר 1862, און געשטאָרבן אין וואַרשע אין יאָר 1939. זײַן פאָטער איז געשטאָרבן ווען יוסף גאַבאָוויטש איז אַלט געווען קוים דרײַ יאָר. שוין קינדווײַז האָט יוסף אַרויסגעוויזן קינסטלערישע נײַגונגען און צו די זעקס יאָר האָט ער שוין פון ליים אויסגעקלעבט מאַקעטן פון שיל־בימות. צו צען יאָר אַנטלויפט ער פון דער היים קיין לאָמזשע. וווּ ער וואַלגערט זיך אַרום אין פרעמדע הײַזער. זײַן באַליבטע באַשעפטיקונג איז געווען צו קלעבן פון ליים אַלערליי פיגורן. די לאָמזשער ייִדישע גמינע האָט אַ מאָל צוגעשיקט צו מאַטיאַס בערסאָנען אין וואַרשע 10 אַזעלכע פיגורן. קורץ נאָך דעם האָט בערסאָן איבערגעשיקט געלט פאַרן קליינעם קינסטלער, ער זאָל קומען קיין וואַרשע. אויפן וועג האָט מען דעם ייִנגל צוגעגנבעט דאָס געלט און ער האָט שוין צו פוס געמוזט גיין קיין וואַרשע. אין דער גרויסער שטאָט האָט ער געלערנט שניצערײַ בײַ אַ מײַסטער. דער בעל־הבית האָט אים שטאַרק אויסגענוצט און דערצו געלאָזט הונגערן. איין מאָל האָט אים דער וואַרשעווער דאָקטער פרענקעל געטראָפן אַ פאַרחלשטן פון הונגער אין זאַקסישן גאָרטן. דער דאָקטער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן ייִנגל און אים אָפּגעגעבן אין דער שול פון וואָיטשעך גערסאָן. גאַבאָוויטש האָט דאָ געהאַט פאַר אַ לערער דעם פּראָפעסאָר קאָסאַטשעווסקי. אין 1883 ווערט גאַבאָוויטש אויסגעצייכנט פאַר זײַנע קינסטלערישע אַרבעטן און ער פאָרט אין גיכן אָפּ קיין פעטערבורג אויף ווײַטערדיקן שטודיום אין דער קונסט־אַקאַדעמיע. אין 1893 באַקומט ער אַ זילבערנעם מעדאַל פאַר זײַנע אַרבעטן און פאָרט דערנאָך קיין פּאַריז, וווּ ער אַרבעט אין אַטעליע בײַם באַרימטן סקולפּטאָר ראָדען. אין 1898 באַקומט גאַבאָוויטש אויף אַ פּאַריזער אויסשטעלונג אַן ערן־אויסצייכענונג און אַ יאָר שפּעטער געווינט ער אויף אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן קאָנקורס די צווייטע פּרעמיע. גאַבאָוויטש באַטייליקט זיך אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער קונסט־אויסשטעלונג אין פּאַריז (1900), וווּ ער האָט באַקומען אַ בראָנדזענעם מעדאַל.

אין 1901 קערט זיך גאַבאָוויטש אום קיין פּוילן. ער באַטייליקט זיך אויף די אויסשטעלונגען אין דער וואַרשעווער „זאַכענטאַ", אין לאָדזש און — אויס סענטימענט צו דער שטאָט פון זײַנע יוגנט יאָרן, אויך אין לאָמזשע. אין יאָר 1915 האָט ער אַ בילדער־אויסשטעלונג אין מאָסקווע.

פון דעסט וועגן האָט גאַבאָוויטש זיך נישט אָפּגעגעבן מיט אַנטוויקלען זײַן טאַלאַנט צו סקולפּטור און ער האָט זיך אויך נישט אונטערגענומען אויסצופירן מער ערנסטע טעמעס. לײדער איז ער געבליבן שטעקן אין זײַן ווירטואָזיטעט! ער האָט זיך געניגט צו נאַטוראַליזם און זײַנען סקולפּטורווערק האָט ער באַהאַנדלט ליטעראַטור־מעסיק. בײַ זײַנע גרויסע פעיִקייטן האָט ער אָבער נישט גענוג איבערגעאַרבעט און דערפאַר טיילן זיך אויס זײַנע לעצטע ווערק מיט אייבערפלעכלעכקייט. ס'האָט זיי געפעלט פּאָעזיע, האַרמאָניע צווישן קאָמפּאָזיציע און דער רעאַליסטישער אידעע. דער קינסטלער האָט בלויז אַרויסגעבראַכט די נאַקעטע נאַטור און איז געווען ענלעך צו טרעמבאַטשן מיט זײַן שאַפן סוביעקטיווע, סענטימענטאַלע אידיליעס. אַזוי למשל, איז זײַן סקולפּטור „דער דאָרשטיקער" אויסערלעך עפעקטועל, אָבער פּוסט אין איר זין. מער דערגרײַכונג זענען זײַנע פּאָרטרעטן־סקולפּטורן, צווישן וועלכע ס'צייכענען זיך אויס די ביוסטן פון שאָפּענען, מאָניושקאָן און בערסאָנען, דער מעדאַל „עליזאַ אָזשעשקאָוואַ" א"א. פון גאַבאָוויטשעס פּאַריזער צײַטן איז די בעסטע פּאָרטרעטן־אַרבעט דער ביוסט פון אייבערראַבינער קאַהאַן, און פון דער וואַרשעווער צײַט — דער ביוסט פון לודוויק זאַמענהאָף. גאַבאָוויטש האָט אויך געמאַכט פּנימער פון באַרימטע מענטשן אין גיפּסאָפּגוס. גאַבאָוויטש איז געשטאָרבן אין 1939, עטלעכע חדשים פאַר דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. קורץ פאַר זײַן טויט האָט די וואַרשעווער ייִדישע גמינע געוואָלט אים אַרויסוואַרפן פון דער גמינע־געבײַדע, וווּ ער האָט געהאַט זײַן וווינונג, ווײַל ער האָט נישט געצאָלט קיין דירה־געלט. די אלמנה נאָך גאַבאָוויטשן האָבן די נאַציס פאַרטריבן אין געטאָ. צו דער אַלטער פרוי פלעגט אָפט קומען איר אייניקל (אַ קינד פון אַ געמישטער חתונה), ווענעם עלטערן האָבן געוווינט אויף דער אַרישער זײַט. אין די שרעקלעכע טעג פון „אַקציע" האָט דאָס ייִנגל נישט געוואָלט איבערלאָזן אַליין זײַן באָבען און ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט איר.

---

צו דער גרופּע קינסטלערס וואָס האָבן אויסגעשטעלט זייערע בילדער אין דער גאַלעריע לוקסעמבורג האָט אויך געהערט אברהם אײַזענבערג, געבוירן אין 1879. ער האָט שטודירט אין דער העכערער שול פון שיינער קונסט אין וואַרשע. אין זײַנע יונגע יאָרן האָט ער געהערט צו פּרצעס קרײַז און האָט אפילו געמאַכט דעם ביוסט פון גרויסן ייִדישן שרײַבער.

אײַזענבערגס סקולפּטורן פון יענער צײַט האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער ייִדישער פאָלקסטימלעכקייט. ער האָט בולט אונטערגעשטראָכן אין זײַנע ווערק די סאָציאַלע מאָמענטן. ער ברענגט אַרויס אַזעלכע טעמעס ווי: „דאָס לעצטע העמד", „אַ חלום", „קאַמף פאַר ברויט", „די פאַרטראַכטע", „מוטערשאַפט", „אָפּגרונט".

אין זײַן סקולפּטור „היימלאָזע" ווערט קלאָר אַרויסגעבראַכט די הערשנדיקע נויט אין דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, וווּ אָרעמע מענטשן האָבן נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ. אַן אַנדער ווערק שטעלט

פאַר אַ ייִדישע לוויה אין אַ קליין שטעטל. די דאָזיקע סצענע דריקט בולט אויס די שטימונג און עמאָציע פון דער גרופּע פיגורן וואָס באַגלייטן דעם נפטר. אײַזענבערג האָט אין זײַנע סקולפּטורן אויסגעדריקט אַקטיוו און רעאַליסטיש דאָס גאַנצע בייז פון דער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם ווי אויך די דיסקרימינאַציע קעגן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אײַזענבערג געשאַפן די סקולפּטורן: „אוריאל אַקאָסטאַ", „ייִדישע כלי־זמר", און אַנדערע בילדער אויף ייִדישע טעמעס.

ווי נח פּרילוצקי שטעלט פעסט, האָבן אין יענער צײַט אַ סך טאַלאַנטירטע קינסטלערס אויסגעשטעלט זייערע אַרבעטן אין דער „זאַכענטאַ", אָבער די פּוילישע פּרעסע האָט זיי אַלע מאָל פאַרשוויגן. אַזוי האָבן אויסגעשטעלט זייערע ווערק דער סקולפּטאָר פריהאַר, וואָס האָט דעבוטירט מיט זײַן אויטאָפּאָרטרעט, די סקולפּטאָרין ראַפאַעלאַ נירענשטיין, דער מאָלער יוסף גרינשטיין און נאָך אַנדערע, וואָס זענען שפּעטער פאַרגעסן געוואָרן.

איינער פון די באַדייטנדיקסטע סקולפּטאָרן פון פאַר דער ערשטער מלחמה איז געווען אליה נאָדעלמאַן, געבוירן אין 1882 אין ווארשע. דער אויסערגעוויינלעכער טאַלאַנט פון דאָזיקן קינסטלער האָט זיך שוין אַרויסגעוויזן בעת זײַן שטודירן אין דער ווארשעווער „שול פאַר שיינער קונסט". זײַנע סקולפּטורן, וואָס זענען דערשינען אויף די ווארשעווער אויסשטעלונגען, האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק, אַזוי גוט אויף די באַזוכערס ווי אויף די קריטיקערס. נאָך מער האָט זיך צעבליט נאָדעלמאַנס טאַלאַנט אין פּאַריז, וווּ ער איז געוואָרן איינער פון די פּאָפּולערסטע סקולפּטאָרן פון זײַן צײַט. ער האָט אין דער קונסט אַרײַנגעבראַכט אַן איינגאַרטיקן וועג — דעם צוריקקער צו דער קלאַסישער שיינקייט. ער איז געווען אַ רעאַליסטישער שעפער וואָס האָט זיך, אָבער, באַנוצט מיט אַ קאָמפּליצירטן צוזאַמענשטעל פון דעם פאָרעם. אגב האָט אין פּאַריז זײַן קונסט אָנגעהויבן צו דעמאַניערירן צוליב זײַנע פּרוּוון צו פאַראייניקן די איבערנאַטירלעכע פאָרמען פון דעמאָלטיקן מאָדערניזם מיט די יסודות פון דער קלאַסיש־גריכישער סקולפּטור. ער האָט אַ סך עקספּערימענטירט, אײַנשליסנדיק אין זײַנע קאָמפּאָזיציעס אַלעגאָרישע טעמעס כדי אַרויסצובאַקומען אַ נײַע ריטמיק און האַרמאָניע פון געשטאַלט און פאָרעם.

אליה נאָדעלמאַן איז אויך געווען אַ גלענצנדיקער צייכנער. אין זײַנע קלאַסישע צייכענונגען ווײַזן זיך בולט אַרויס זײַנע באַמיִונגען און דערגרייכונגען צו פאַרפײַנערן די סקולפּטור און אָפּרייניקן זי פון אַלע מינים אימפּרעסיאָניסטישע איבערטרײַבונגען. זײַן פּראָיעקט־צייכענונג צום קאָנקורס פון אַ שאָפּען־דענקמאָל האָט געוווּנען אין פּאַריז אין יאָר 1904 די צווייטע אויסצייכענונג. נאָדעלמאַן האָט זיך באַטייליקט אין די אָפּגעקליבענע אויסשטעלונגען פון דער געזעלשאַפט „קונסט" אין קראָקע, פּונקט ווי אין די מער ערנסטע אויסשטעלונגען אין פּאַריז גופא און אין אַנדערע הויפּטשטעט. צוזאַמען מיט אַ גרופּע קינסטלערס וואָס האָבן זיך געפונען אין פּאַריז, האָט ער אויך אויסגעשטעלט זײַנע ווערק אין באַרצעלאָנאַ, און גלײַך נאָך דעם איז ער גיך אָפּגעפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס פעלן פון אַ קינסטלערישן קלימאַט אין דער קאַפּיטאַליסטישער פאַרביזנעוועטער נאָרד־אַמעריקע איז געווען דער גרעסטער קלאַפּ פאַר זײַן אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט. דער גרויסער סקולפּטאָר האָט געלעבט און געשאַפן ווי אַ קינסטלער בלויז ביז זײַן נישט־מזלדיקן אָפּפאָר קיין נאָרד־אַמעריקע. זײַנע סקולפּטורן, בילדער און צייכענונגען, געשאַפענע אין אייראָפּע ,זענען דאָרט געווען הויך געשאַצט און מען האָט זיי גערן אָפּגעקויפט פאַר פאַרשידענע קונסט־גאַלעריעס.

שטאַרק אָנגעזען און געשעצט איז אויך געווען נאָדעלמאַנס מיטצײַטלער הענריק הערידען, געבוירן אין ווארשע אין 1883. וועגן דאָזיקן מאָלער איז וויניק באַקאַנט, אָבער לויט קאָמפּעטענטע פאַרזאָנען וואָס האָבן אַ מאָל געזען זײַנע בילדער, איז ער געווען אַ גרויסער טאַלאַנט. איך האָב באַקומען ידיעות וועגן אים בײַם קינסטלער סאַמבאָרסקי, איצט פּראָפעסאָר אין דער ווארשעווער קונסט־אַקאַדעמיע. הערידען ווערט אויך דערמאָנט פון קונסט־היסטאָריקער ד"ר אָטאָ שנײַד און אין ווינער זשורנאַל „דאָס צעלט" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אַרטיקל וועגן זײַנע שאַפונגען, צוזאַמען מיט רעפּראָדוקציעס פון איינִיקע אַרבעטן. אויך אין דער צײַטשריפט „נאָווע זשיטשיע" פון יאָר 1924 ווערט געשריבן וועגן דאָזיקן מאָלער. הערידען האָט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געלעבט אין פּאַריז וווּ ער האָט געהאַט אָפטע אויסשטעלונגען.

צו די פּלאַסטיקערס וואָס זייער קונסט טראָגט אַ פאָלקס־כאַראַקטער, געהערן די צוויי ווארשעווער יוסף זײַדענבײַטל און בער קראַטקאָ. ביידע קינסטלער זענען רייף געוואָרן אין ערשטן יאָרצענדליק פון דעם יאָרהונדערט און ביידע זענען אויך געוואָרן באַווירקט אין זייער שאַפן דורכן גרויסן י. ל. פּרץ.

אין געמויזעכץ פון די דעמאָלטיקע פאַרשידענע קאָסמאָפּאָליטישע שטראָמען האָט אַ פּוסטקייט זיך אויסגעשפּרייט אויך אויפן געביט פון דער פּלאַסטיק, אַזוי גוט אויף דער נישט־ייִדישער ווי אויף דער ייִדישער גאַס. געווען ייִדישע קינסטלערס וואָס האָבן צו אויסגעפּאַשעטע בײַכער צוגעקלעפּט באָרד און פּאות, אָנגעטאָן זיי אין ייִדישע קאַפּאָטעס און געוואָלט אײַנרעדן די אַרויפגעאַרבעטע ייִדן אַז דאָס איז ייִדישע קונסט. אַנדערע, ווידער, האָבן זיך אַרײַנגעוואָרפן אין דעם אַלגעמיינעם קאָסמאָפּאָליטישן שטראָם וואָס האָט ראַן געהערשט אין לאַנד און זיי זענען פולשטענדיק אַרונטערגעפאַלן אונטער דער מאָדע פון אויסלענדישן אימפּרעסיאָניזם.

אָבער די צוויי קינסטלערס, באַווירקטע דורך י. ל. פּרץ, פאַרטיפן זיך אין שטודירן די ייִדישע פאָלקסמאַסן און עס געלינגט זיי אַרויסצובאַקומען אַ סך ממשותדיקע עלעמענטן, כאַראַקטעריסטישע פאַרן דעמאָלטיקן לעבן פון די ווארשעווער ייִדן.

יוסף זיידענבייטל (1894—1923) האָט שטודירט אין דער ווארשעווער שול פון שיינער קונסט בײַ דעם באַרימטן קינסטלער און אויסגעצייכנטן פּאָרטרעטיסט סטאַניסלאַוו לענץ. זײַדענבײַטל גופא איז געווען אַ קרעפטיק־קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט און האָט מיט לײַכטקייט געקענט אַרויסברענגען שטימונגען. ער איז אויך געווען אַן אילוסטראַטאָר מיט אַ פיינעם געשמאַק און מיט אַ הויכער קולטור. באַזונדערס האָט ער געהאַט אַ געפיל פאַר פאָלקלאָר. די בילדער וואָס ער האָט געמאָלט האָבן געהאַט פּרעכטיקע פאַרבן און האָבן אויסגעצייכנט איבערגעגעבן דעם כאַראַקטער פון די קליינבירגערלעכע און אַרבעטער־שיכטן וועלכע ס'איז שוין געלונגען זיך צו באַפרײַען פון די רעליגיעזע אָבערגלויבנס און האָבן געשטרעבט צו אַ פרײַ, קולטורעל לעבן. יוסף זײַדענבײַטל איז געשטאָרבן פון אַ לונגען־קראַנקהייט אין אָטוואָצק, ווען ער איז אַלט געווען קוים 29 יאָר.

דער סקולפּטאָר בער קראַטקאָ האָט שטודירט אין יאָר 1906 אין ווארשע. זײַן וועגווײַזער און פּראָטעזשירער י. ל. פּרץ — האָט אין אַ בריוו צו שלום עליכמען פאָרגעלייגט דעם יונגן בער קראַטקאָ אַלס אילוסטראַטאָר צו זײַן בוך. אין גיכן פאָרט קראַטקאָ אָפּ קיין רוסלאַנד, וווּ ער זעצט פאָר זײַן שטודיום. נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע באַזעצט זיך דער קינסטלער אין קיִעוו, וווּ ער ווערט פּראָ־

פעסאָר אין דער דאָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע. ער איז דאָרט שטאַרק געשעצט פון זײַנע קאָלעגן און באַליבט בײַ זײַנע שילערס. קראַטקאָ האָט געשאַפן ווערטפולע דענקמעלער פון לענינען און סטאַלינען. פאַר דער שטאָט זשיטאָמיר האָט ער געמאַכט אַ מאָנומענט אין אָנדענק פון לעגענדאַרן העלד זאָרזש.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער געאַרבעט אין דער הויפּטשטאָט פון דער טורקמענישער רעפּובליק, אַשכאַבאַד, ווו ער האָט געשאַפן אויף נאַציאָנאַלע טעמעס פון דאָזיקן עקזאָטישן לאַנד. אין לענינגראַדער ערמיטאַזש איז פאַראַן פּרצעס אַ באַרעליעף, געמאַכט דורך קראַטקאָן. ער האָט אויך געמאַכט פּרצעס טויטן־מאַסקע און אויפן ווארשעווער בית־עולם געפינען זיך אויך מצבות וואָס ער האָט געשאַפן.

בער קראַטקאָ געפינט זיך איצט צוריק אין קיִעוו און איז ווידער פּראָפעסאָר אין דער דאָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע.

.2

## יידישע קינסטלערס אין וואַרשע אין דער צווישנצייט פון ביידע וועלט־מלחמות

מיר גייען איצט איבער צו דער געשיכטע פון דער קונסט בײַ די ווארשעווער ייִדן אין פּריציש־קאַפּיטאַליסטישן פּוילן אין דער צווישנמלחמה־עפּאָכע. אַ רעאַליסטישע קונסט וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די סאָציאַלע אַנטאַגאָניזמען פון ערשטן יאָרצענדליק פון דעם ווידערגעבוירענעם פּוילן האָט בכלל נישט עקסיסטירט. די באַוווּסטזיניקע אַרבעטערס האָבן זיך דעמאָלט אָריענטירט אויסגעצייכנט וואָס פאַר אַ אויסזען עס האָט די פּוילישע רעפּובליק. פון איין זײַט האָט געהערשט אַן אומדערטרעגלעכע עקספּלואַטאַציע פון אַרבעטער מצד דעם היימישן און אויסלענדישן קאַפּיטאַל, און צו דעם זענען צוגעקומען די קלעגלעכע סאַניטאַרע באַדינגונגען, אַרבעטלאָזיקייט און שולמאַנגל. און פון דער אַנדערער זײַט איז פאָרגעקומען אַ קלאַסנקאַמף, שטרײַקן און דעמאָנסטראַציעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט דער עיקר אין די גרעסערע אינדוסטריע־צענטערס. דערצו זענען נישט זעלטן אויסגעבראָכן פּויערים־בונטן ווי אַ רעזולטאַט פון פאָדערן צו הויכע צינדזן. בײַ אַזעלכע באַדינגונגען איז די קונסט געווען קאָסמאָפּאָליטיש אין דער פאָרעם און נײַטראַל אין אינהאַלט, אָדער בכלל אָן שום אינהאַלט. אפילו אַזאַ גרויסן מײַסטער פון דער פּוילישער מאָלערײַ ווי יאַן מאַטעיקאָ (1838—1893) האָבן די דאָזיקע קאָסמאָפּאָליטן אָפּגעשאַצט ווי אַ נישט־ווערטפולן מאָלער. די בורזשואַזיע האָט זיך באַמיט אײַנצורעדן די קינסטלערס אַז ס'איז נישט כדאי צו מאָלן טעמעס פון אַ רעאַלן, היסטאָרישן, פּאַטריאָטישן, אָדער פאָלקס־כאַראַקטער. עס האָט געהערשט די לאָזונג פון „קונסט לשם קונסט", און ס'האָט זיך געשאַפן אַ פולשטענדיקער כאַאָס אין דעם אופן פון אויפנעמען קונסטפּראָבלעמען. יעדער איינער האָט געמאָלט ווי עס איז אים געפעלן, און דער קינסטלער־רעאַליסט איז געוואָרן איגנאָרירט און מען האָט זײַן שאַפן באַטראַכט ווי נישט קיין ווערטפולס. עס אַנטשטייען אַ סך ריכטונגען און אַ גרויסע צאָל גרופּירונגען און יעדע פון זיי זוכט זיך אויס פאַרשיידענע סנאָבן ווי זייערע פּראָטעקטאָרן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אַנטשטאַנען אין ווארשע אַ מין ייִדישע „זאַכענטאַ" — די „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט" (1922). אַ סך נאַיִווע ייִדישע קינסטלערס האָבן געשיקט זייערע אַרבעטן צו די אויסשטעלונגען פון דער געזעלשאַפט, האָפנדיק אַזוי אַרום צו קומען אין קאָנטאַקט מיט דער געזעלשאַפט און אַ מאָל אויך פאַרקויפן אַ בילד. דער לאַנגיאָריקער פּרעזעס פון דער געזעלשאַפט איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „נאַש פּשעגלאָנד" — יאַקוב אַפּענשלאַק. די געזעלשאַפט האָט פײַערלעך געעפנט די אויסשטעלונגען, די קונסט־מעצענאַטן האָבן זיך אויסגעשטעלט פון אויבנאָן און די קינסטלערס האָבן זיך באַשיידן געהאַלטן אין שאָטן. און מיט דעם האָט זיך מערסטן טייל געענדיקט. ערגעץ־ווו האָט זיך באַוויזן אַ רעצענזיע וואָס האָט געלויבט די אַרבעט פון עטלעכע „טײַז" און די רעשט האָט מען אפילו נישט דערמאָנט — זיי זענען געווען די סטאַטיסטן פון די אויסשטעלונגען. ווי ווײַט די מעצענאַטן האָבן זיך געזאָרגט וועגן זייערע פּראָטעזשירטע, באַווײַזט דער פאַקט, אין פאַרלויף פון דער עקסיסטענץ פון דער געזעלשאַפט האָט זי עטלעכע מאָל באַקומען עקסמיסיעס פאַר נישט צאָלן קיין דירה־געלט. אחוץ דעם זענען די אויסשטעלונג־לאָקאַלן געווען ענג און אָפט אויך פינצטער, אַזוי אַז מ'האָט בײַ טאָג געדאַרפט ברענגען ליכט.

זינט 1933, ווען אין דײַטשלאַנד קומט צו דער מאַכט היטלער, נעמט פּוילן אַ בײַשפּיל פון די נאַציס און פירט אײַן זייערע מעטאָדן. וואָס אַ מאָל אָפטער טרעפט זיך אַז מען זאָל נישט צולאָזן צו די אַלגעמיינע אויסשטעלונגען קיין פּוילישע קינסטלער פון ייִדישן אָפּשטאַם. צו פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן האָבן די ייִדישע קינסטלערס געגרינדעט אין ווארשע דעם „פאַראיין פון ייִדישע קינסטלערס־פּלאַסטיקערס אין פּוילן", מיט סעקציעס אין עטלעכע גרויסע שטעט. די „ייִדישע געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט" איז גאָר נישט געווען צופרידן פון דעם אויפטו, אָבער דעם נײַעם פאַראיין איז מער געלונגען צו גרופּירן אַרום זיך די ייִדישע קינסטלערס ווי דער „געזעלשאַפט". די סיבה דערפון איז געווען וואָס די „געזעלשאַפט" האָט נישט צוגעלאָזט צו אירע אויסשטעלונגען די קינסטלערס וואָס זייער טעמאַטיק האָט באַרירט סאָציאַלע פּראָבלעמען און וועלכע זענען אָבער גערן אַרײַנגענומען געוואָרן אין די אויסשטעלונגען פון „פאַראיין פון די ייִדישע פּלאַסטיקערס".

מיר וועלן דאָ אויסרעכענען די מער טאַלאַנטירטע קינסטלערס פון ביידע פאַראיינען.

משה אַפּעלבאַום (1887—1931) איז געווען אַ טיף־דענקנדיקער קינסטלער, פול מיט לעבן, און אַ גרויסער טאַלאַנט. ער האָט באַרײַזט לענדער, אַ סך געזען, זיך באַקענט מיט די שרײַענדיקע קאָנטראַסטן: פון איין זײַט אַ גרופּע עקספּלואַטאָרן מיט גרויסע רײַכטימער, און פון דער אַנדערער זײַט — די אָרעמקייט, קבצנים און בעטלערס, אַ שווער לעבן, שקלאַפן־אַרבעט אָדער הונגער און אַרבעטלאָזיקייט. ער האָט געזען יונגע מענטשן אָפּגעלעבטע, אויסגעלאָשענע צוליב צו פיל זאָרג און נויט.

אַפּעלבאַום איז געבוירן געוואָרן אין אַמשינאָוו, אָבער שוין גאַנץ יונג איז ער אָנגעקומען קיין ווארשע. אַזוי ווי ער האָט זיך דאָרטן צו גאָר נישט געקענט דערשלאָגן, איז ער אוועק קיין קאָליש. דאָרט ווערט ער פריִער אַ שילדמאָלער און דערנאָך אַ צייכענער אין אַ האַקערײַ־פאַבריק. אַפּעלבאַום, וואָס איז דעמאָלט אַלט קוים 17 יאָר, קען זיך אָבער נישט צופרידן שטעלן מיטן באַקומענעם פּאָסטן, ווײַל ער פילט אין זיך קינסטלערישן אומרו. ער וואַרפט אַוועק דעם פּאָסטן און לאָזט זיך אין דער וועלט אַרײַן. ער קומט אָן קיין ווין. אַלץ געפעלט אים דאָ — די שטאָט, די קונסט־אַקאַדעמיע, וואָס אָנערקענט זײַנע אַרבעטן. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון אַז ער האָט נישט פון וואָס צו לעבן. ער מוז דעריבער ווײַטער וואַנדערן. ער חלומט אָנצוקומען קיין אַמסטערדאַם, די שטאָט ווו ס'האָט אַ מאָל געלעבט און געשאַפן דער גרויסער רעמבראַנד. אַפּעלבאַום וואַנ־

דערט פון אָרט צו אָרט, טיילווייַז מיט דער באַן און די רעשט צו פוס, פאַרדינענדיק אויף זייַן אויסקום פון די פּאָרטרעטן וואָס ער צייכנט פאַר די אָנגעטראָפענע מענטשן אין די וועגקרעטשמעס. אַזוי דערשלאָגט ער זיך סוף־כל־סוף קיין אַמסטערדאַם. ער באַזוכט די דאָרטיקע מוזייען און אַן אַנטציקטער זאַפּט ער אייַן אין זיך די שיינקייט פון רעמבראַנדס געניאַלע ווערק. אָבער האָלאַנד האָט זיך ווינציק וואָס געביטן פון יענער צייַט ווען איר גרעסטער מאָלער־זשעני איז געשטאָרבן אין אָרעמקייט און נויט און זייַנע בילדער זענען געוואָרן ליציטירט פאַר די חובות וואָס דער קראַנקער רעמבראַנד האָט נישט געקענט באַצאָלן. אויך די איצטיקע האָלענדישע בורזשואַזיע האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום פאַראינטערעסירונג פאַרן טאַלאַנטירטן יונגן קינסטלער. אַפּעלבאַום פאַרלאָזט האָלאַנד און פאָרט אָפּ מיט אַ שיף קיין ליווערפּול. דאָרט אַרבעט ער אין פּאָרט ווי אַ פּשוטער אַרבעטער ביז ער פאַרשרייַבט זיך אין דער דאָרטיקער שול פון קונסטפאַכן. איצט שטודירט ער און גלייַכצייַטיק איז ער פאַרנומען מיט שווערער פיזישער אַרבעט. פון ליווערפּול פאָרט ער דערנאָך אָפּ קיין לאָנדאָן, וווּ ער ווערט אָנגענומען אין דער קונסט־אַקאַדעמיע. עס ברעכט אויס די מלחמה פון 1914. אַפּעלבאַום שליסט זיך אָן אין דער לינק־סאָציאַליסטישער אַנטימלחמה־באַוועגונג און ווערט אַרעסטירט. אָבער צוליב זייַן שוואַכן געזונט־צושטאַנד ווערט ער באַלד באַפרייַט. אין ענגלאַנד האָט אַפּעלבאַום געמאָלט בילדער פון דעם לעבן פון די ענגלישע אַרבעטערס און אויך טיפּן פון ייִדישע עמיגראַנטן וואָס זענען אָנגעקומען פון פּוילן און געוווינט אין דער געגנט פון דער לאָנדאָנער אָרעמקייט אין ווייַטשעפּל.

די ערשטע אויסשטעלונג פון אַפּעלבאַומס ווערק האָט געמאַכט אין לאָנדאָן אַ שטאַרקן אייַנדרוק. אַזוי גוט די פּרעסע ווי קונסט־מבינים האָבן אָנערקענט זייַן גרויסן מאָלער־טאַלאַנט. דער קינסטלער האָט אָבער געבענקט נאָך זייַן היימישער סביבה און ער באַשליסט אומצוקערן זיך קיין פּוילן. ער באַזעצט זיך אין וואַרשע און נעמט אָן פאַרשידענע אַרבעטן. ער ווערט לערער אין דער ייִדישער שול פון מלאכות, מאָלט אַרבעטערס בייַ דער אַרבעט און שרייַבט אַרטיקלען וועגן קונסט. אַפּעלבאַומס גרויסער פאַרדינסט איז דאָס אויפהייבן צו אַ קונסטניוואָ די דעקאָראַציעס פון וואַרשעווער ייִדישן טעאַטער. קענענדיק אַפּעלבאַומס גוטן כאַראַקטער פלעגט מען אים שטאַרק אויסנוצן און זיך נישט רעכענען מיט זייַנע כוחות און נישט מיט זייַנע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן. אַפּעלבאַום פלעגט אָפט אוועקפירן קונים אויף בילדער צו זייַנע קאָלעגן וועגן וועלכע ער האָט געוווּסט אַז זיי לעבן פּונקט אין אַזאַ נויט ווי ער. צוליב זייַן שווערער מאַטעריעלער לאַגע איז אַפּעלבאַום צו לעצט אָפּגעפאָרן קיין קאַטאָוויץ און דאָרט איז ער אין יאַנואַר 1933 געשטאָרבן פון שווינדזוכט.

צו אַפּעלבאַומס בעסטע ווערק געהערן: „די ייִדישע קאַפּעליע", „די פרוי וואָס קלייַבט צונויף קוילן" און „גאַסן־מוזיקאַנטן". אַפּעלבאַומס איז אויך די אָריגינעלע פילפאַרביקע וואַנטמאָלערייַ אין דער בענדינער שיל און די פּאָליכראָמישע אַרבעט אין דער לויוויטשער שיל.

אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער האָט געטראָגן די מאָלערייַ פון סטאַניסלאַוואַ צענטנערשווער. דאָס איז געווען אַ קינסטלערין וואָס איז מיט דער גאַנצער נשמה אַרייַנגעטאָן געווען אין אירע שאַפונגען. אָפּגעשטאַמט האָט זי פון די קרייַזן פון דער וואַרשעווער ייִדישער אינטעליגענץ און האָט אָנהייב פון הייַנטיקן י"ה שטודירט אין וואַרשע און דערנאָך ווייַטער געלערנט אין פראַנקרייַך. אין פּאַריז האָט דעמאָלט געהערשט אין דער מאָלערייַ די ריכטונג וואָס האָט די הויפּט־אַכט געלייגט אויף פאַרבן און צום ווינציקסטן זיך געקימערט וועגן דער טעמע פון דעם ווערק. דערפאַר האָבן אַפילו די טאַלאַנטירטסטע מאָלערס געבלאָנדזשעט און געגלייבט אַז דאָס וויכטיקסטע אין דער קונסט איז דאָס עקספּערימענטירן און אַז יעדע שאַפונג, מעג זי זייַן ווי נישט פאַרשטענדלעך, איז קונסט.

די שאַפונג פון סטאַניסלאַוואַ צענטנערשווער האָט זיך טאַקע געוואַקלט צווישן רעאַליזם און די פאָרמאַליסטישע טענדענצן. אויף דער אויסשטעלונג אין באַרצעלאָנאַ, וואָס איז שוין פריִער דערמאָנט געוואָרן, האָט צוזאַמען מיט אַנדערע פּוילישע מאָלערס אין פּאַריז אויך אויסגעשטעלט אירע אַרבעטן פרוי צענטנערשווער. דרייַ יאָר שפּעטער האָבן זיך אירע בילדער באַוויזן, צוזאַמען מיט די ווערק פון מינקאָווסקי, ווייַנלעס און אייַזענבערג, אין דער ייִדישער געגנט פון וואַרשע — אויף דער אויסשטעלונג פון דער גאַלעריע לוקסעמבורג. סטאַניסלאַוואַ צענטנערשווער האָט געהערט צו יענע ליבעראַלע קינסטלערס פון דער בירגערלעכער דעמאָקראַטיע וואָס האָבן זיך באַמיט נישט צו שטערן די געמיטלעכע שלווה. זי האָט געשאַפן הערלעכע בילדער, און פּונקט ווי זי אין דער מאָלערייַ האָט איר מאַן זיך אויסגעצייכנט אין דער מוזיק און דערצו האָט ער אויך טייל מאָל געשריבן אָפּהאַנדלונגען וועגן די אויסשטעלונגען.

סטאַניסלאַוואַ צענטנערשווער איז צענדליקער יאָר געווען אַקטיוו אין דער מאָלערייַ און זי איז אַלע מאָל אַזוי געווען פאַרטאָן אין אירע שאַפונגען, אַז זי האָט אַפילו נישט באַמערקט די אַלץ שטייַגנדיקע פאַשיסטישע כוואַליע אין לאַנד. ערשט ווען זי האָט דאָס אָנגעהויבן צו פילן אויף זיך אַליין, ווייַל מען האָט זי וואָס אַ מאָל אַלץ זעלטענער פאַרבעטן אויף די אַלגעמיינע לאַנד־אויסשטעלונגען, האָט זי זיך אָנגעהויבן צו באַטייליקן אויף די אויסשטעלונגען פון דער „ייִדישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן שיינע קונסט".

אין סעפּטעמבער 1939 געלינגט דער קינסטלערין אין דער לעצטער מינוט זיך צו ראַטעווען, צוזאַמען מיט איר מאַן און איידעם, און זיי באַזעצן זיך אין ביאַליסטאָק. פרוי צענטנערשווער, כאָטש שוין נישט אין די יונגע יאָרן, נעמט זיך מיט יונגטלעכן ענטוזיאַזם צוריק צו מאָלערייַ. אין איר שאַפונג קומט פאָר אַ גרויסע ענדערונג. אַלע בילדער זענען רעאַליסטיש. זי שאַפט קאָמפּאָזיציעס לכבוד דער באַפרייַערישער רויטער אַרמיי און אויך אירע פּאָרטרעטן זענען קאָנקרעטע און די אַרויסגעבראַכטע געשטאַלטן זענען ווי קינסטלערישע סקולפּטורן. אַלץ וואָס קומט איצט אַרויס פון איר פּענדזל האָט אַ בולט־הומאַניסטישן אינהאַלט. דער היטלעריסטישער איבערפאַל אויפן ראַטן־פאַרבאַנד גיט שוין נישט קיין מעגלעכקייטן דער קינסטלערין צו פאַרלאָזן ביאַליסטאָק, און זי ווערט צוזאַמען מיט איר מאַן און טאָכטער פאַרטריבן אין געטאָ. די טאָכטער וואָלט אייגנטלעך געקענט בלייַבן אויסערן געטאָ, ווייַל איר מאַן איז נישט געווען קיין ייִד, אָבער זי האָט זיך נישט געוואָלט באַנוצן מיט דער פּריווילעגיע און געבליבן אין געטאָ ביז זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אירע עלטערן. אַ געוויסע פּוילישע דאָקטאָרין, וואָס האָט אויסבאַהאַלטן די פרוי צענטנערשווער באַלד נאָך איר אָנקומען קיין ביאַליסטאָק, האָט איבערגעגעבן שפּעטער דעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע דרייַ פּאָרטרעטן פון דער קינסטלערין. די בילדער זענען פון הויכן קינסטלערישן ווערט.

אַדאַם הערשאַפט איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1886. ער איז געווען אַ קינסטלער־גראַפיקער, באַקאַנט נישט נאָר אין פּוילן נאָר ווייַט איבער די גרענעצן. אַ ליריקער, אַ טרוימער, איז ער אָבער קיין מאָל נישט אַראָפּ פונעם וועג פון רעאַליזם. מיט

סובטעלע מיטלען האט ער ארויסגעבראכט סײַ די שיינקייט פון דער נאטור, סײַ מענטשלעכע געשטאלטן. ער האט געשילדערט די נאטור אין די פארשידענע צײַטן פון יאר: דעם מעלאנכאלישן ערב־פרילינג דעם פארנעפלטן, טריבן הארבסט און אויך דעם פריידיק־בליִענדיקן זומער. אין זײַנע הערלעכע גראווירונגען האט ער פאראייביקט זײַנע שטימונגען און געפילן פון אנטציקונג לגבי דער נאטור. ס'איז כאראקטעריסטיש אז גראד הערשאפט איז געווען דער וואס האט געשאפן א ציקל גראווירונגען פון אלטן בערלין. דער גאנצער ציקל האט זיך שפעטער געפונען אין „מערקישן מוזיי" אין בערלין. מיט דער זעלבער טיפקייט האט דער קינסטלער ארויסגעבראכט די שיינקייט פון דער סיצילישער לאנדשאפט. אומפארגלײַכלעך איז אים געלונגען אויפצוכאפן און איבערגעבן פלאסטיש דאס פארגיסן מיט ליכטווײַסקייט גאנצע שטעטלעך, צוזאמען מיט דער פאנאראמע פון זייערע שטיבלעך. דאס געפיל פון טרויער אדער גליק איז דער לעבעדיקער מאטעריאל פון וועלכן דער קינסטלער פורעמט אוים מיט זײַן גראווירשטיפט (דלאטע), פארשידענע הערלעכע מאטיוון. אויסערגעווײנלעך סובטעל קריצט ער אוים ביימער מיט זייערע קלענסטע צווײַגעלעך. זײַנע אקוואפארטן (אויסקריצונגען אויף קופער, צינק אדער שטאל, דורך דער ווירקונג פון געוויסע זײַערסן) שטעלן פאר ים־ברעג־פייזאזשן, די אלטשטאט, דעם אינדזל קאפרי א"א. ער האט אויך געמאכט א גראוויר־פארטרעט פון זײַן טעכטערל, וואס איז שפעטער אומגעקומען בעת דער אקופאציע. עלעגיעמעסיק איז זײַן אקוואפארט וואס שילדערט א פארפרוירן פייגעלע אין שניי. הערשאפט איז אחוץ קונסט־גראפיקער און מאלער אויך געווען א שרײַבער, וואס האט פארעפנטלעכט אײַנדרוקן פון זײַנע רײַזעס, און איז אויך דער מחבר פון דער אין זײַן צײַט באקאנטער נאוועלע „אפאלינס זון".

אדאם הערשאפט איז צוזאמען מיט זײַן טאכטער, אומגעבראכט געווארן דורך די היטלעריסטן אין 1942.

א קונסט־גראפיקער פון אן אנדער שניט איז געווען יוסף בודקא (געבוירן אין פלאנסק אין 1888 און געשטארבן אין ירושלים אין 1942). ער האט געהערט צו די בעסטע גראפיקערס און קריצערס וואס האבן געשאפן אויף ייִדישע טעמעס. בודקא איז אויך געווען אן אויסגעצייכנטער אילוסטרירער פון די ווערק פון די ייִדישע קלאסיקערס. אין די יונגע יארן האט ער זיך באקענט מיט דעם בארימטן ייִדיש־דײַטשן קונסט־גראפיקער הערמאן שטרוק, וועלכער האט דעם קליינשטעטלדיקן בחור צוגעהאלפן אין זײַן שטודיום. בודקא האט נאך דער ערשטער מלחמה זיך באזעצט אין בערלין, ווו ער האט געלעבט און געארבעט ביז היטלערס קומען צו דער מאכט. ער האט געשאפן א גרויסע צאל סובטעלע, לירישע אקוואפארטן, צווישן אנדערע האט ער אויך אויסגעקריצט י. ל. פרצעס פארטרעט. איינס פון זײַנע שענסטע ווערק איז די „הגדה" וואס באשטייט פון 26 לירישע גראווירונגען וועלכע אילוסטרירן די ביבלישע לעגענדע. אײַניקע פון די דאזיקע מיניאטור־אקוואפארטן זענען איניציאל־אילוסטראציעס (בײַם אנהייב פון קאפיטל), אנדערע זענען קינסטלעריש אויסגראווירטע העבעיִשע אויפשריפטן.

משה ריניעצקי איז געבוירן געווארן אין 1885 אין ווארשע. ער האט זיך אליין געלערנט און מיט דער צײַט געווארן דער קינסטלער וואס האט געבראכט צום אויסדרוק זײַן נאענטסטע סביבה. זײַנע בילדער האבן געוויזן מײַנסטנס ייִדישע בעל־מלאכות וואס האבן נאך טיף געשטעקט אין די פארעלטערטע טראדיציעס. ער האט געמאלט ייִדישע האנטוועבערס אין די ווארשטאטן, שמידן, בלעכערס, ייִדן „כאלופניקעס" וואס האבן אין זייערע היימען אויסגעארבעט קינדערשפילעכלעך, און דאס אלץ האט ער גענומען פון ווירקלעכן לעבן פון די דעמאלטיקע ווארשעווער ייִדישע קליינבירגערלעך־בעל־מלאכישע טיפן. דער קינסטלער האט געמאלט אן אלטן בלינדן בעטלער וואס זיצט בײַם ארײַנגאנג פון דער שיל און ציט אויס די האנט נאך א נדבה. אויף דער ברוסט פון בעטלער איז אנגעהאנגען א טאוול מיט א ייִדישער אויפשריפט. ריניעצקי האט געמאלט פוסטע בתי־תפילות, ווו בײַם אויסגעלאשענעם פײַער פון אן אײַזערן אייוועלע ווארעמט זיך די הענט דער אלטער שמש. אין דער טיפעניש זעט מען אויף דער וואנט הענגען א פושקע פאר נדבות. אין די גרופע־קאמפאזיציעס ווײַזט דער קינסטלער מאסן־סצענעס, ווי למשל: „א גרויסער עולם הערט אוים א מגיד" אדער „די פסחדיקע מאלצײַט".

ריניעצקיס מאלערײַען, אקווארעלן און גואשן (געמאלן מיט וואסערפארבן, אויסגעמישטע מיט גומע), זענען געמאכט מײַנסטנס אין א ספעציעלן מין ביזאנטישן סטיל און דאס קומט אוים ביז גאר מאדנע, נעמענדיק אין אכט אז ער האט נישט דורכגעמאכט קיין סיסטעמאטיש שטודיום און איז כמעט קיין מאל נישט ארויסגעפארן פון זײַן היימשטאט. ריניעצקיס פרוי האט געהאלטן א קרעמל אויף קרוטשע־גאס, באפרײַענדיק דעם מאן פון עול פרנסה. אזוי ארום האט דער קינסטלער זארגלאז זיך געקענט באשעפטיקן מיט זײַן מאלערײַ וואס איז אויך גערן געזען געווארן דורכן נישט־ייִדישן פובליקום אויף די אויסשטעלונגען. ריניעצקי, וואס איז געווען א פארוואלטונגס־מיטגליד פון „פאראיין פון ייִדישע קינסטלערס־פלאסטיקערס", איז אויך געווען פארטראטן מיט זײַנע בילדער אויף דער אינטערנאציאנאלער אויסשטעלונג אין בריסל.

ער איז אומגעקומען פון די היטלעריסטישע מערדער דעם 19טן סעפטעמבער 1942.

אן אינטערעסאנטער ווארשעווער קינסטלער איז געווען זיגפריד קאמינסקי. ער האט זיך ספעציאליזירט אין פלאקאטן און באפוצט די בוכטאוולען. קאמינסקי קען באצייכנט ווערן ווי דער ערשטער פאטאמאנטאזשיסט אין פוילן. דער דאזיקער שטארק־פארגעשריטענער קינסטלער האט אין 1927 אויסגעשטעלט זײַנע ארבעטן אין לאקאל פון די פרײַדענקערס. ער האט געמאלט די טאוולען פון גלאדקאווס בוך „צעמענט" און אויך פון איליא ערענבורגס א בוך. אין 1928 האט ער אויסגעשטעלט זײַנע גראפישע ארבעטן אין דער „ייִדישער געזעלשאפט צו פארשפרייטן קונסט". וועגן זײַנע שאפונגען האט געשריבן פעליקס פרידמאן אין די „ליטעראַרישע בלעטער" אין יאר 1930, און אין 1938 — אברהם גוטערמאן. קאמינסקי האט געהאט א גרויסע השפעה אויף די שפעטערדיקע פוילישע פאטאמאנטאזשיסטן, צווישן זיי אויף מיעטשיסלאוו בערמאנען.

קאמינסקי איז געשטארבן אויף טובערקולאז אין 1931, ווען ער איז אלט געווען קוים 26 יאר.

---

פוילן האט נישט בלויז „עקספארטירט" צענדליקער טויזנטער „איבעריקע הענט" פון ארבעטערס, פויערים און בעל־מלאכות, וואס האבן געמוזט עמיגרירן צוליב מאנגל אין ארבעט און ברויט, נאר ס'איז אויך נישט געווען אין לאנד קיין פלאץ פאר א סך אינטעלעקטואלן. אזוי צום בײַשפּיל, האט אין פראנקרײַך אין משך פון צענדליקער יארן געשאפן זײַנע ווערק איינער פון די אנגעזעענסטע רעאליסטן פון אונדזער צײַט — משה קיסלינג (1891—1953), א זון פון א קראקעווער שנײַדער, און אין דײַטשלאנד האבן געשאפן מאריץ גאטליב, שמואל הירשענבערג און — ביז היטלערס אויפשטײַג אין 1933 — יוסף בודקא, יאנקל אדלער און הענריק באר־

טשינסקי (דערמאָרדעט אין פּוילן דורך די היטלעריסטן). אין רוים האָט אַ סך יאָרן געשאַפֿן דער באַרימטער סקולפּטאָר העניך גליצענשטיין, וואָס האָט דאָרט באַקומען דעם טיטל פּראָפעסאָר. אין ענגלאַנד האָבן זיך געפֿונען אייניקע באַרימטע ייִדישע קינסטלערס פֿון פּוילן, צווישן זיי אַלפרעד וואָלמארק, וואָס זײַנע בילדער האָבן אין גרעסטן טייל אַ פּויליש־ייִדישע טעמאַטיק. אויך קיין צפֿון־ און דרום־אַמעריקע האָבן עמיגרירט ייִדישע קינסטלערס פֿון פּוילן. באַקאַנט זענען לאַזאַר סעגאַל אין בראַזיל, די וואַרשעווער פּעני ראַבעל אין מעקסיקע אַ שילערין פֿון באַרימטן מאָלער דיעגאָ ריווערא און די מחברטע פֿון די וואַנטמאָלערײַען אין דער „נײַער דרוקערײַ" אין דער מעקסיקאַנער הויפּטשטאָט און משה פייגענבלום אין אַרגענטינע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין 1894.

מיר וועלן דערמאָנען נאָך אייניקע וואַרשעווער ייִדישע קינסטלערס, וואָס הגם זיי געפֿינען זיך תמיד אין אויסלאַנד, זענען זיי פֿון דעסט וועגן געווען פֿאַרבונדן מיט זייער היימשטאָט. צו זיי געהערן: מעלאַ מוטער, לעאָן קאַמיר, לודוויק מאַרקוס און העניק בערלעווי.

מעלאַ מוטער איז געבוירן אין וואַרשע אין 1876. זי האָט שטודירט בײַם פּראָפעסאָר מילאַש קאָטאַרבינסקי. נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי עמיגרירט קיין פּאַריז, וווּ זי איז גיך געוואָרן פּאָפּולער אין די קינסטלערישע קרײַזן, אָבער די גאַנצע צײַט האָט זי אָנגעהאַלטן די פֿאַרבינדונג מיטן היימלאַנד און אפֿילו געשיקט אירע בילדער אויף די אויסשטעלונגען אין פּוילן. צוזאַמען מיט דער גרופּע פּוילישע מאָלערס אין פּאַריז האָט זי זיך באַטייליקט אין די פּראַנצויזישע אויסשטעלונגען וואָס זענען אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין פֿאָלקספּוילן. כאָטש די מאָלערײַ פֿון דער קינסטלערין איז דורכגעזאַפּט מיטן פּראַנצויזישן אימפּרעסיאָניזם, איז אָבער איר שאַפֿונג גאַנץ פֿאַרשטענדלעך און איז דורכגעדרונגען מיט טיפֿן הומאַניזם. מעלאַ מוטער איז באַקאַנט דורך אירע פּאָרטרעטן פֿון גרויסע קינסטלערס און שרײַבערס, ווי שמואל הירשענבערג, לעאָפּאָלד סטאַף, אַנרי באַרבים א"א. די ווערק פֿון דער טאַלאַנטירטער מאָלערין געפֿינען זיך אין דער פּאַריזער גאַלעריע לוקסעמבורג און אין אַנדערע קונסט־גאַלעריעס אין אייראָפּע.

אַ גאַנץ אַנדערן שאַפֿונגסוועג האָט אויסגעקליבן לודוויק מאַרקוס, געבוירן אין וואַרשע דעם 27טן נאָוועמבער 1883. ער האָט שטודירט אין קראָקע אין די יאָרן 1897—1901 און אין 1902 פֿאָרט ער אָפּ קיין פּאַריז. אין דער קראָקעווער אַקאַדעמיע — און אויך אין די ערשטע צײַטן אין פּאַריז — מאָלט ער גאַנץ פֿאַרשטענדלעך און זאַכלעך. אָבער גיך ווערט ער גאָר אַן אַנדערער, ער פֿאַרבײַט אפֿילו איבער זײַן נאָמען אויף לוי מאַרקוסים. זײַן רעאַליזם פֿאַרוואַנדלט ער איז אומבאַגרײַפֿלעכע, פֿאַנטאַסטישע שאַפֿונגען. דער קינסטלער האָט געוואָלט מיט זײַן פֿאָרעם אויסדריקן די אַבסטראַקציע פֿון גײַסט, און אַלץ וואָס ער האָט געשאַפֿן האָט געפֿאָדערט ברייטע קאָמענטאַרן, אָן וועלכע עס וואָלט אין גאַנצן נישט געווען פֿאַרשטענדלעך. דער באַנײַטער מאַרקוסים האָט זיך אונטערגעוואָרפֿן דעם געשמאַק פֿון די סאַמע ראַפֿינירטסטע קונסט־גענישערס פֿון דער בורזשואַזיע. וואַרשײַנלעך איז ער אין פּאַריז געוואָרן אויך אַן אָנהענגער פֿון אַנרי בערגסאָנס פֿילאָסאָפֿיע. דער קינסטלער האָט זיך איצט פֿאַרוואַנדלט אין דעם טאָנגעבער פֿון די העכסטע שפּיצן פֿון דער רײַכער געזעלשאַפֿט און האָט אויסגעדריקט אין זײַן שאַפֿונג די בענקשאַפֿט פֿון די סופּעררעפֿינירטער פֿײַנשמעקערס־דעקאַדענטן וואָס האָבן געוואָלט פֿאַרוואַנדלען די קונסט אין אַ מין פֿעטיש. מאַרקוסים ווערט אין פּאַריז אַ פֿאָרשטייער פֿון אַבסטראַקט־קוביסטישער מאָלערײַ, פּונקט ווי אַן אַנדערער פּוילישער ייִד — זשאַק ליפּשיץ — רעפּרעזענטירט דאָס זעלבע אין דער סקולפּטור.

אַ ייִנגערער פֿון מאַרקוסן, וואָס האָט אויך געלעבט אין אויסלאַנד און דורכגעמאַכט ענלעכע מעטאַמאָרפֿאָזע, איז העניק בערלעווי.

ער איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין 1894. שוין צו צוועלף יאָר האָט ער אַרויסגעוויזן אַזאַ אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט, אַז מ'האָט אים גלײַך אָנגענומען אין דער וואַרשעווער „שול פֿון שיינער קונסט", ווו ס'איז נישט מעגלעך געווען אָנצוקומען אין אַזאַ פֿרי̤ען עלטער. דאָ שטודירט ער בײַם פּראָפעסאָר קאָנראַד קשיזשאַנאָווסקי ביזן יאָר 1909, ווען ער פֿאָרט אָפּ קיין אַנטווערפּן כדי ממשיך צו זײַן זײַן שטודיום. אין 1909 טרעפֿן מיר אים שוין אין פּאַריז. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה קערט ער זיך אום קיין פּוילן און אין 1919 דעבוטירט ער אין דער וואַרשעווער „זאַכענטאַ".

אין בערלעווים שאַפֿונגען זענען פֿאַראַן שטאַרקע אינערלעכע סתירות. פֿון איין זײַט זענען זײַנע בילדער דורכגעדרונגען מיט ייִדישן פֿאָלקלאָר, מיטן אייגנאַרטיקן ייִדישן הומאָר און לײַדן, און פֿון דער אַנדערער זײַט רײַסן זיך אַרײַן אין בערלעווים טעמאַטיק עפּעס אַזעלכע פֿרעמדע טענער, וואָס שאָקירן מיט זייער שרײַענדיקן דיסאָנאַנס. ס'וואָלט אָבער נישט ריכטיק געווען צו רעדן בלויז וועגן יענע בילדער וווּ דער קינסטלער האָט היימישע מאָטיוון אַרײַנגעפּאַסט אין אַ פֿרעמדער סטיליזאַציע. אין פּוילן האָט בערלעווי אַרויסגעבראַכט סאָציאַלע טעמעס, צווישן וועלכע דאָס ווערטפֿולסטע איז געווען דאָס בילד „דער ייִדישער גלעזער". דאָ האָט דער מחבר אַרויסגעבראַכט די וויטיקלעכע ווירקלעכקייט פֿון יענע „גוטע צײַטן" ווען אויף די ייִדישע גאַסן האָט מען טאַקע אָפֿט אויסגעהאַקט די שויבן, אָבער דער ייִדישער גלעזער פֿון בילד זיצט פֿון דעסט וועגן אַ פֿאַרזאָרגטער, ווײַל ער איז געבליבן אָן אַרבעט.

אין יאָר 1921 באַטייליקט זיך בערלעווי אין דער אויסשטעלונג אין לאָדזש מיט בילדער אויף ייִדישע טעמעס. אין זעלבן יאָר ווערט ער אַ מיטגליד פֿון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פֿון דער ערשטער אויסשטעלונג פֿון „פֿאַראיין פֿון ייִדישע קינסטלער־פּלאַסטיקערס אין פּוילן", וואָס ווערט געעפֿנט אין דער געביידע פֿון דער ייִדישער גמינע אויף גזשיבאָווסקע 26. בערלעווי האָט דאַן געמאַכט אַ מאָדערניסטישע, שטאַרק־סטיליזירטע צייכענונג אויף דעם טאָוול פֿון קאַטאַלאָג פֿון דער אויסשטעלונג. ער האָט געמאָלט די הילעס פֿון אַ סך ביכער און איז אויך געווען דער מחבר פֿון פּלאַקאַט פֿון דער דיבוק־פֿאָרשטעלונג. אָבער בערלעווי גייט אַלץ אָפֿטער אַריבער צו דער פֿאָרמאַליסטישער, אַבסטראַקטער קונסט, וווּ ער פֿאַרבינדט די קוביסטישע פֿאָרעם מיט זײַנע גרויסע טעכנישע קענטענישן.

אין 1927 שטעלט ווידער בערלעווי אויס זײַנע אַרבעטן אין וואַרשע, אָבער דאָס מאָל אין דער „ייִדישער געזעלשאַפֿט צו פֿאַרשפּרייטן קונסט". ער פֿאָרט דערנאָך אָפּ קיין פּאַריז און דערנענטערט זיך שפּעטער צום נאַטוראַליזם. אַ סך זײַנע בילדער פֿון יענער צײַט צייכענען זיך אויס מיט זייער פֿאַרשטענדלעכקייט און רעאַליזם. נישט קוקנדיק אָבער אויף זײַנע גרויסע פֿעיִקייטן שטייט דאָך בערלעווים שאַפֿונג אויף דער גרענעץ צווישן פֿאָרמאַליזם און רעאַליזם.

אַ קינסטלער פֿון גרויסן פֿאַרנעם איז געווען לעאָן קאַמיר (קאַופֿמאַן), וואָס שטאַמט פֿון פּאַוולאָווא, נאָענט פֿון וואַרשע. ער איז געבוירן געוואָרן דעם 8טן יוני 1872. אין די יאָרן 1895—1897 שטודירט ער אין וואַרשע בײַ וואָיטשעך גערסאָנען, שפּעטער אין מינכן בײַ האָלאָסין. אָבער שוין אין 1898 פֿאָרט ער אָפּ קיין פּאַריז, ווו ער בלײַבט שוין אַ תושב. דאָ לערנט ער בײַ בנימין קאָנסטאַנטן און ווערט אין גיכן באַקאַנט ווי אַן אויסגעצייכנטער פּאָרטרעטיסט.

אין 1911—1912 שטעלט ער אויס זײַנע בילדער מיט די כאַראַקטעריסטיש־זאַפטיקע פאַרבן אין לאָנדאָן און אין 1920 באַווײַזן זיך זײַנע אַרבעטן אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג אין ווענעציע. 2 יאָר שפּעטער שטעלט ער אויס זײַנע בילדער אין דער קונסט־גאַלעריע באַרלאַזאַנזש.

קאַמיר איז שטענדיק געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט זײַן לאַנד. ער האָט געמאָלן די פּאָרטרעטן פון העגריק שיענקעוויטש און וואַצלאַוו נאַלקאָווסקי און פון דער פראַנצויזין איוועט גילבער. אין וואַרשע האָט דער קינסטלער צוויי מאָל געהאַט אויסשטעלונגען: אין 1913 און אין 1922. אין 1925 שטעלט ער אויס זײַנע בילדער אין מילאַן. אייניקע גרויסע אייראָפּעיִשע קונסט־גאַלעריעס האָבן געקויפט קאַמירס בילדער, צווישן זיי די פּאַריזער לוקסעמבורג־גאַלעריע. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט אָפּגעקויפט קאַמירס בילד „די וואַנדערנדיקע פראַנצויזישע קינסטלערס" און דאָס בילד „די איטאַליענישע קאָמעדיע" האָט אָפּגעקויפט די „גאַלעריע פון מאָדערנער קונסט" אין ווענעציע. ס'איז אויך באַקאַנט קאַמירס בילד „דער פּוילישער קאָמיטעט אין וועווע" וואָס שטעלט פאָר דעם „הילפס־קאָמיטעט פון די נײַן לטובת פּוילן". מען זעט אויפן בילד די מיטגלידער אָסוכאָווסקי, קאָוואַלסקי, וולאַדיסלאַוו מיצקעוויטש, פּאַדערעווסקי, אַשקענאַזי, ראָזען און טאַובע.

צום לעצטן מאָל איז קאַמיר געווען אין פּוילן אין 1922. ער איז געשטאָרבן אין פראַנקרײַך אין 1933.

---

אין פּאַריז האָט אויך געוווינט דער וואַרשעווער סטאַניסלאַוו שטיקגאָלד. ער איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע און געשטאָרבן אין פּאַריז דעם 19טן יאַנואַר 1933. זײַן שאַפן האָט געהאַט אַ פּאָעטיש־מיסטישן כאַראַקטער און האָט זיך מײַסטנס באַצויגן צום הימל און צו די שטערן. ער האָט געמאָלט די לבנה און די אַנדערע פּלאַנעטן און די שטערן־קאָנסטעלאַציע האָט ער אַרומגענומען מיט פאַנטאַסטישע אָרנאַמענטן, און צווישן דעם אַלעם האָט ער אַרײַנגעשטעלט אויסגעפּאַנטאַזירטע מענטשלעכע געשטאַלטן. זײַנע באַליבטע פאַרבן זענען געווען געל, רויט און גרין, וועלכע ער האָט צוגעשריבן עפּעס אַ געהיימע באַדײַטונג. ער האָט געשאַפן אַ סך ייִדישע מאָטיוון, וועלכע ער האָט שטאַרק סטיליזירט און צוגעגעבן זיי אַ מיסטישן הויך. שטיקגאָלדס שאַפונגען זענען אין גאַנצן געווען אָפּגעריסן פון רעאַלן לעבן און האָבן נישט געהאַט קיין שום שײַכות מיט געזעלשאַפטלעכע פּראַגעס.

אַ יאָר נאָך שטיקגאָלדס טויט האָט די באַקאַנטע פּאַריזער גאַלעריע בערנהיים אײַנגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פון זײַנע בילדער. וועגן דער קונסט פון דאָזיקן אָריגינעלן מאָלער האָט צווישן אַנדערע געשריבן דער דײַטשער דיכטער דאָובלער אין „ציצעראָנע", אין יאָר 1922.

דעם וועג צום אַרבעטער האָט געפונען דער מאָלער דוויד האַלטרעכט. ער איז געווען אַ ריכטיקער רעפּרעזענטאַנט פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער ייִדישער קונסט און אין דערווירקלעכקייט אויך געווען אַ מיטגליד אין דער סדקפּ"ל.

דוויד האַלטרעכט איז געבוירן געוואָרן אין 1880 אין וולאָצלאַוועק. ער שטאַמט פון אַן אָרעמער רבנישער משפּחה, וווּ ס'האָבן זיך געפונען 7 קינדער. דווידס פאָטער איז געשטאָרבן ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין ייִנגל, און נישט וועלנדיק זײַן אַ לאַסט פאַר דער מוטער, פאַרלאָזט ער אין גיכן זײַן היימשטאָט און פאָרט אָפּ קיין לאָדזש. דאָ אַרבעט ער ווי אַ וועבער און לערנט דערצו אין די אָוונטן, ביז ער באַקומט מאַטורע. צוליב זײַן נייגונג צו מאָלערײַ פאַרלאָזט ער לאָדזש און פאָרט אָפּ קיין אָדעס און טרעט דאָרט אַרײַן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע. נאָכן פאַרענדיקן זײַן שטודיום פאָרט ער אָפּ קיין מינכן, באַזוכט אויך פּאַריז און באַזעצט זיך צו לעצט אין וואַרשע. אין 1908 שטעלט ער אויס אין דער „זאַכענטאַ" זײַן בילד „די עבירה". אַ יאָר שפּעטער שטעלט ער דאָרט אויס זײַנס אַ שטודיום און אַן אַרבעט מיטן נאָמען „אַ קליינער איבעררײַס". אין 1910 האָט האַלטרעכט אַ גרויסע אויסשטעלונג פון זײַנע בילדער אין לאָדזש. קונסט־מבינים, צווישן זיי דער שרײַבער אַנדזשעי מאַרעק, לויבן שטאַרק האַלטרעכטס שאַפונגען. דער זשורנאַל „שוויאַט" פאַרעפנטלעכט דעמאָלט רעפּראָדוקציעס פון 4 בילדער זײַנע און אויך דעם אויטאָפּאָרטרעט פון קינסטלער.

נאָך דער אויסשטעלונג פאָרט האַלטרעכט אָפּ צוליב שטודיום־צוועקן אויפן ווײַטן מזרח. ער באַרײַזט טורקעסטאַן, בוכאַרע, דאָס הײַנטיקע אוזבעקיסטאַן, און קערט זיך דערנאָך אום קיין אייראָפּע. בײַם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געפינט ער זיך אין די בערג פון נידער־שלעזיע, פון וואַנען ס'געלונגט אים אָפּצופאָרן קיין בערלין. דאָ מאָלט ער און פאַרקויפט זײַנע בילדער כדי זיך צו קענען אויסהאַלטן.

אין 1925 פאַרלאָזט ער בערלין און פאָרט ווידער אָפּ אין ווײַטן מזרח. דאָס מאָל באַרײַזט ער די מאָנגאָלישע רעפּובליק, כינע און יאַפּאַן. 5 יאָר דויערט זײַן רײַזע און דער קינסטלער כאַפּט אויף אַ סך בילדלעך פון לעבן פון די דאָרטיקע פעלקער. אין די בילדער, וואָס האַלטרעכט ברענגט דערנאָך אַרויס, שפּיגלט זיך אָפּ דאָס קולטור־לעבן און דער קלאַסנקאַמף ספּעציעל בײַ די כינעזער. די אַלע בילדער צייכענען זיך אויס מיט זייער פאַרביקייט און זיי זענען מײַנסטנס גאַנץ רעאַליסטיש געמאָלט.

אין 1930 אָרדנט אײַן האַלטרעכט אַן אויסשטעלונג פון זײַנע שאַפונגען אין מאָסקווע, און אין זעלבן יאָר אויך אין וואַרשע. דעם אַרײַנפיר צום קאַטאַלאָג פון דער וואַרשעווער אויסשטעלונג האָט אָנגעשריבן דער באַרימטער קונסט־היסטאָריקער מיעטשיסלאַוו סטערלינג. פון וואַרשע פאָרט האַלטרעכט ווידער קיין פּאַריז און דערנאָך קיין ראַטן־פאַרבאַנד, ווו ער שטאַרבט אין 1933 אין מאָסקווע.

דוויד האַלטרעכט איז געווען איינער פון די ווייניקע פּאָליטיש־רײַפע און רעאַליסטישע מאָלערס, וואָס האָבן געדינט מיט זייער קונסט די אַרבעטער־מאַסן. זײַנע שאַפונגען באַווײַזן אַז מען קען אויפהאַלטן די עסטעטישע יסודות פון דער קונסט און דאָך שאַפן רעאַליסטיש, וואָס מיינט באַוווּסטזיניק דינען מיט דער קונסט געזעלשאַפטלעכע צילן.

האַלטרעכטס בילדער ווירקן איבערצײַגעוודיג און דערבײַ איז יעדער פּרט קינסטלעריש. דאָס באַציט זיך נישט בלויז צו אַרבעטער־טיפּן, נאָר אויך צו גרופּע־קאָמפּאָזיציעס. זײַנע בילדער זענען שיין און האַרמאָניש און עס דאָמינירט אין זיי אַלע מאָל דער הומאַניזם.

---

נאָכן נאַצישן זיג אין דײַטשלאַנד, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן דורך געוואַלד און טעראָר, האָט אויך די פּוילישע רעאַקציע חוצפּהדיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אויך פּוילן איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער היטלעריסטישער אידעאָלאָגיע. דאָס דײַטשע „העררענפאָלק" האָט אונטער היטלערס אָנפירונג זיך געגרייט צו פאַרכאַפּן די מזרח־לענדער: דעם ראַטן־פאַרבאַנד און דעם נאָענטסטן שכן אויף מזרח — פּוילן. דער דײַטשער קאַפּיטאַל, וואָס האָט ביז איצט עקספּלואַטירט פּוילן, האָט געהאַט אין דער פּוילישער בורזשו־

אזיע געטרײַע דינערס. דער היטלעריסטישער סם איז אַרײַנגעדרונגען אין דער „סאנאציע" און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומגעהערטער טעראָר קעגן די אַרבעטער־מאסן. אַ „פּאציפיקאציע" פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אויף די מזרח־קרעסן און אַ ווילדער אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט דערגרייכט די העכסטע פּוילישע לערן־אַנשטאַלטן, ווּ ייִדישע סטודענטן האָבן געליטן פון אַלערליי דיסקרימינאַציעס. דער אַנטיסעמיטישער סם האָט אויך אָנגעשטעקט די קינסטלערישע קרײַזן פון וואַנען מען האָט באַזײַטיקט ייִדישע מיטגלידער און זיי נישט צוגעלאָזט צו די אַלגעמיינע אויסשטעלונגען. ווי אַ רעאַקציע קעגן דער פאַשיזירונג פון די פּוילישע קינסטלערישע קרײַזן איז אַנטשטאַנען אין וואַרשע אַ גרופּע פּראָגרעסיווע פּוילישע און ייִדישע קינסטלערס־פּלאַסטיקערס, אונטערן נאָמען „טשאַפּקאַ פריגיסקאַ"1) (דאָס פריגישע היטל). די נשמה פון דער גרופּירונג איז געווען זיגמונט באָבאָווסקי, וואָס איז צוזאַמען מיט אַ צווייטן מיטגליד פון דער גרופּע — פראַנטשישעק באַרטאָשעק — אומגעקומען אין מײַ 1943, בײַם ברענגען הילף פאַר ייִדן פון וואַרשעווער געטאָ.

„טשאַפּקאַ פריגיסקאַ" האָט אין 1936 אײַנגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פון די אַרבעטן פון אירע מיטגלידער אין דער נײַ־אַנטשטאַנענער וואַרשעווער אַרבעטער־געגנט זשאָליבאָזש, אין אַן אַכסניא וואָס האָט געהייסן „שקלאַנע דאָמי" (גלעזערנע הײַזער) 2). פון די פּוילישע קינסטלערס האָבן, אַחוץ די צוויי דערמאָנטע מיטגלידער, געהערט: קאַזשימיעזש געדע, וויטאָלד מילער, בראָניסלאַוו לינקע און נאָך אַנדערע. פון די ייִדישע קינסטלערס זענען אַרײַן אין דער גרופּירונג די מאָלערס: הענריק שערער, יצחק פּערעל, דער גראַפיקער יחיאל טינאָוויצקי, דער סקולפּטאָר חיים האַנפט, דער פּאָטאָמאָנטאַזשיסט מיעטשיסלאַוו בערמאַן א"אַ. אין קאַטאַלאָג פון דער אויסשטעלונג האָט די „טשאַפּקאַ פריגיסקאַ" אויסגעדריקט איר שטעלונג צו קונסט אין 4 הויפּטפּונקטן. לויט דער אָפּהאַנדלונג פון קונסט־היסטאָריקער מיעטשיסלאַוו וואַליס־וואָלפיש, פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקיע" (ליטעראַרישע ידיעות) פון 31טן מײַ 1936, האָט זיך אין זייער פּראָגראַם געזאָגט: „די גרופּע וויל געבן אַן אויסדרוק די אידעאַלן און שטרעבונגען פון דער אַרבעטסוועלט. די גרופּע שטעלט זיך קעגן דער לאָזונג פון „קונסט לשם קונסט". די גרופּע שטעלט אַרויס דעם פּאָסטולאַט פון טעמאַטישער קונסט און אָנערקענט די נויטווענדיקייט פון רעאַליזם אין דער קונסט, אין ברייטסטן זינען פון וואָרט.

די צווייטע אויסשטעלונג האָט די גרופּע אַראַנזשירט אין קראָקע, אין הויז פון אײַזנבאַנער־פאַרבאַנד. די קינסטלערס פון „טשאַפּקאַ פריגיסקאַ" האָבן זיך באַמיט אין זייערע שאַפונגען אַרויסצוברענגען דאָס לעבן און די נויטן פון די אַרבעטערס און פּויערים. נאָענט צו דער גרופּע זענען געשטאַנען אַזעלכע באַקאַנטע פּוילישע מאָלערס ווי די וואַרשעווער יוליוש קראַיעווסקי, העלענאַ מאַלאַרעוויטש־קראַיעווסקאַ און דער קראָקעווער מאָלער סטאַניסלאַוו אָסאָסטאָוויטש (אומגעקומען אין 1939 בעתן באָמבאַרדירן וואַרשע), דער סקולפּטאָר וויטשינסקי (געשטאָרבן פון שווינדזוכט), יאַנאַש שטערן (וועמען די סאַנאַציע־רעגירונג האָט נאָך פאַר דער מלחמה פאַרשפּאַרט אין לאַגער פון קאַרטוז־בערעזע), איצט פּראָפעסאָר אין דער קראָקעווער אַקאַדעמיע, דער סקולפּטאָר אברהם שוואַנענפעלד (אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע) א"אַ.

צו „טשאַפּקאַ פריגיסקאַ" האָבן געהערט אַזעלכע קינסטלערס וואָס זענען געווען ענג פאַרבונדן מיט די אַרבעטער־מאַסן, ווי י. פּערעל וואָס האָט געוווינט אין אַ בוידעמשטיבל אויף מילנע־גאַס און דאָרט געמאָלט די אָרעמקייט פון זײַן סביבה, און דער עמפּינדלעכער גראַפיקער יחיאל טינאָוויצקי וואָס האָט פאַרלוירן אַ פוס בעת האַלערטשיקעס האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון אַ לויפנדיקן צוג. צו דער גרופּע האָבן געהערט די צוזאָגנדיקע מאָלערס הענריק שערער און דער יונגער אויטאָדידאַקט יוסף הערמאַן און אויך דער סקולפּטאָר חיים האַנפט.

קורץ פאַר דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע האָט זיך אין וואַרשע אָרגאַניזירט אַ גרופּע ייִדישע רעוואָלוציאָנערע פּלאַסטיקערס וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין דער גרופּע האָבן די הויפּטראָלע געשפּילט חיים האַנפט, אברהם גוטערמאַן, יחיאל טינאָוויצקי, מענדל רײַף א"אַ. זייער טעטיקייט — פּונקט ווי פון אַ סך אַנדערע ייִדישע מאָלערס פון יענער צײַט (מיטן אויסנאַם פון האַנפטן) — איז אויף אַ טראַגישן אופן איבערגעריסן געוואָרן בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע (3).



---

1) אַ סימבאָל פון פרײַהייט.

2) אַן אָנדייט אויף די גלעזערנע הײַזער פון זשעראָמסקיס „ערב־פרילינג".

3) וועגן זייער שאַפן אין וואַרשעווער געטאָ וועט זיך רעדן באַזונדער אין דער געטאָ־אָפּטיילונג פון „פנקס וואַרשע".

אפרים קאַגאַנאָווסקי (פּאַריז)

# דאָס יידישע וואַרשע און י. ל. פּרץ

(ספּעציעל פאַר דעם „פּנקס וואַרשע")

יעדן טאָג אַרום 9 אַ זייגער אין דער פרי האָט זיך פון אַ זײַטי־קער גאַס, פון אַ גראָ וואַרשעווער הויז אין דער געדיכטער יִדישער „גזשיבאָוו"־געגנט, באַוויזן אַ מאַן וואָס האָט זיך מיט קרעפּטיקע און אײַליקע טריט, געטראָגן אין איין ריכטונג: צו דער געדיכטער יִדישער גזשיבאָווסקע־גאַס, ווּ עס איז געשטאַנען דאָס רויט־ציגל־דיקע, סקאַרבאָווע הויז אין אַלט פּוילישן סטיל. דאָס איז געווען דאָס הויז פון דער וואַרשעווער יִדישער „גמינע", וועלכע איז פון אייביק אָן געווען באַהערשט פון צוויי אַלטע יִדישע קאַסטעס, איי־נע — די נגידיש־חסידישע, די צווייטע — די יִחוסדיק־אַסימילאַ־טאָרישע.

דער מאַן האָט געטראָגן אַ פּויליש־פּריצישן טראַכט. אויפן קאָפּ; צו מײַנסט אַ גרינעם יעגערהוט, אויף די אַקסל אַ לאַנגע, ברייטע פּעלערינע וואָס איז מיט דער צײַט באַקאַנט געוואָרן אין דער יִדישער וואַרשע.

די ענגע יִדישע וואַרשעווער גאַס האָט פאַר דעם מאַן מיט ערפאָרכט אָפּגעטרעטן דעם וועג, אים נאָכגעקוקט. אַנדערע האָבן אים פרײַנדלעך באַגריסט. דער מאַן איז אין זײַן שנעלן, יוגנטלעכן גאַנג נישט מיד געוואָרן צו ענטפערן אויף די באַגריסונגען. די יִדישע גאַס האָט געוווּסט אַז דער מאַן איז דער גרויסער יִדישער שריפטשטעלער און דענקער יצחק לייבוש פּרץ.

אַרום אים איז געלעגן דאָס פעטסטע שטיק יִדישע וואַרשע, מיטן „גזשיבאָוו" וואָס האָט נאָך געשפּילט מיט אַלע פאַרבן פון די עלטסטע צײַטן אין דער געשיכטע פונעם וואַרשעווער יִדנטום. כמעט די גאַנצע גזשיבאָווער געגנט איז געווען געבויט דורך די אַלטע, פרומע, יִחוסדיקע משפּחות, די ערשטע תושבים, בעלי־הבתים פון דער יִדישער וואַרשע, וואָס האָבן אַרײַנגעגרייכט אין די אַלטע, פאַרטונקלטע צײַטן פונעם לאַנד.

טאָג־טעגלעך האָט י. ל. פּרץ דורכגעשפּאַנט די עטלעכע גאַסן פון דעם ראָיענדיקן, געדיכטן יִדישן פאָלקסלעבן, ביז וואַנען ער איז אַרײַן אין דעם רויטן הויז פון דער וואַרשעווער „גמינע" ווּ ער האָט כמעט אַלע זײַנע יאָרן געאַרבעט ווי אַ אָנגעשטעלטער, וואָ־רעם די יִדישע ליטעראַטור האָט נישט געקאָנט באַזאָרגן מיט ברויט איר גרעסטן און באַרימטסטן שריפטשטעלער אין דער מעטראָפּאָליע פון גײַסטיקן יִדישן שאַפן.

י. ל. פּרץ האָט געאַרבעט אין דער גמינע ווי דער פאַרוואַלטער פונעם קברים־רעסאָרט, ווּ ער האָט אויסגעטיילט קרקעות אויף דעם וואַרשעווער יִחוסדיקן „גענשער" בית־עלמין. דאָ האָט פּרץ יעדן טאָג געמוזט אָפּזיצן אין זײַן אויפנעם־צימער ביז 3 אַ זייגער. זײַנע קליִענטן האָט פּרץ אויפגענומען דורך אַן אויסגעשניטן פענצטערל, ווּ עס האָבן געוואַרט פאַרטרויערטע מענטשן, אבלים פון פאַרשידע־נעם שטאַנד.

עס זענען געקומען אָרעמע און רײַכע, מענער און פרויען, פון אַלע שיכטן. און י. ל. פּרץ האָט פאַר די לאַנגע יאָרן פון זײַן אַרבעט גוט געקאָנט אַלע טיפּן פון זײַנע אינטערעסאַנטן. ער האָט מיט איין בליק פון זײַנע גליִענדיקע אויגן דורכגעדרונגען זײַן קליִענט, טרעפ־לעך אים אָפּגעשאַצט און באַהאַנדלט לויט זײַן מאָראַלישן ווערט.

פּרצעס אַרבעט איז געווען אַ שווערע, אַן אומעטיקע. ער האָט געהאַט צו טאָן מיט מתים, מיט אבלים. אָבער י. ל. פּרץ האָט זײַן אַרבעט באַלעבט מיט זײַן גרויסן שכל און רײַכטום פון גײַסט, און זי פאַרוואַנדלט אין אַ שטודיום פון דעם יִדישן לעבנסאַרט. דאָס אַלטע יִדישע סקאַרבאָווע דינגעניש מיט דער חברה־קדישא, וואָס האָט אינעם יִדישן לעבן געשאַפן אַ סך פאַרווילדעטע אַנעקדאָטן, איז דאָ געלייזט געוואָרן יושרדיק דורך דעם גרויסן יִדישן האַרץ. דערבײַ האָט י. ל. פּרץ געבליצט מיט זײַנע חריפותדיקע אַפאָריזמען און געשניטן מיט בײַטשן פון זײַן פאָלקסטימלעכן סאַרקאַזם.

פּרץ האָט געקאָנט דעם וואַרשעווער יִיד, זײַן גזע, זײַן קלאַס, שיכט און באַשטאַנד, און ער איז בײַ זײַן אַרבעט געווען האַרט, אי־בער הויפּט צו דעם יִדישן טיפּ גביר און קמצן, וועלכן ער האָט אַזוי געשטאָכן מיט זײַן פעדער אין זײַנע ליטעראַרישע שאַפונגען. דער יִדישער גביר, וואָס האָט קיינעם גאָרנישט געוואָלט געבן בײַ זײַן לעבן, האָט דאָ, בײַ פּרצעס גמינע־פענצטערל, געמוזט עפענען זײַן בײַטל. און נישט איין מאָל פלעגן זיך דאָ, בײַ דעם פענצטערל, אָפּ־שפּילן סצענעס, ענלעכע צו די אינעם הימל, פאַר דעם כסא־הכבוד, וועלכע פּרץ האָט באַשריבן אין זײַנע ווערק.

י. ל. פּרץ האָט דאָ געזוכט די גערעכטיקייט וואָס ער האָט נישט געקאָנט געפונען אויף דער „זינדיקער" ערד.

דאָס וואָס פּרץ האָט אַרויסבאַקומען בײַ אַ גביר אַ קמצן, וואָס האָט אפילו נאָכן טויט אויך נישט געוואָלט גאָרנישט געבן, האָט ער אַוועקגעגעבן אַן אָרעמאַן אָדער אַ בכבודיקן יורד וואָס איז נישט אומשטאַנד געווען צו באַצאָלן פאַר זײַן לעצטער דירה אויף יענער וועלט.

געוויינלעך האָבן זיך די יורשים פון אַזאַ גביר און קמצן מאַס־קירט, זיך פאַרקליידט אין אַן אַלטן אָפּגעריסענעם מלבוש, כדי ווינ־

ציקער צו באַצאָלן פאַר דער קרקע אויף דעם ייִחוסדיקן גענשער בית־עלמין.

עס האָט אָבער נישט געהאָלפן דאָס מאַסקירן זיך. פּרץ האָט זיך נישט געלאָזט אָפּנאַרן, ער האָט אין דער צעריסענער קאַפּאָטע דערקאָנט דעם גביר וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַן אָרימאַן.

י. ל. פּרץ האָט בײַ זײַן מאַקאַברישער אַרבעט, בײַם פאַרקויפן קרקעות אויפן בית־עולם אין דער גמינע, אויך אַרויסגעוויזן זײַן באַפליגלטן עספּרי.

י. ל. פּרץ האָט שוין געוווּסט אין וואָס עס גייט, און די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן.

דער ייִד דערציילט געוויינלעך מיט אַ געבראָכן קול וועגן דעם געשטאָרבענעם פאָטער אָדער שווער, אַז ער איז געווען אַ צדיק... נאָר נעבעך... אַן אָרעמאַן... פּרץ פרעגט דעם נאָמען, דעם אַד־רעס, און זאָגט:

— אַזוי... ברוך דיין האמת... טאַקע... אַ שיינער ייִד...

פּרץ ווייסט שוין אַז דער ייִד וואָס האָט פאַרלאָזן די זינדיקע וועלט איז געווען דער אייגנטימער פון אַ פּאָר הײַזער אין ווארשע, און ער פרעגט:

— נו?... ווי אַזוי האָט ער געוווינט? עפּעס אַ גרויסע דירה?... וויפל האָט ער געצאָלט דירה־געלט?...

— הם... ער האָט געצאָלט... נישט קיין סך...

— אפשר האָט ער גאָרנישט געצאָלט?...

— כ'מיין... פאַר וואָס...

— כ'וויים... דערפאַר... ווײַל... אפשר האָט ער געוווינט אין זײַן אייגן הויז... אַ שיין הויז... איך קאָן עס...

דער קליִענט איז געפּלעפט, און פּרץ זאָגט:

— אַ גאַנץ לעבן האָט ער גענומען דירה־געלט... פאַר שלעכטע דירות... בײַ אָרעמע־לײַט... איצט וויל ער האָבן אַן אייגענע... גוטע דירה... אומזיסט... ווו איז דער יושר...

די אַלע פּרצעס ווערטלעך האָבן קורסירט אין אַלע קרײַזן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין ווארשע.

אין דעם ערשטן שטילן ,בכבודיקן מענטש, וואָס איז צוגעקו־מען צו פּרצעס פענצטערל, האָט פּרץ באַלד דערקענט אַ געדרוקטן אַבל אין צער וואָס האָט שטיל געפרעגט וויפל ער דאַרף באַצאָלן.

י. ל. פּרץ האָט אים אָפּגעהאַקט מיט זײַן האַרטער ווי קנאַקע־דיקער שטים:

— גאָרנישט...

און ער האָט צוגעגעבן:

— עס האָט שוין אַן אַנדערער באַצאָלט...

דער ווארשעווער חסידיש־נגידישער „גזשיבאָוו", וואָס איז גע־וועזן באַוווינט פון די אַלטע ייִחוסדיקע משפחות, די פּאַקטישע בע־לי־הבתים פונעם פּוילישן ייִדנטום צו יענער צײַט, האָט געקוקט אויף דעם פּריצישן גמינע־אַנגעשטעלטן י. ל. פּרץ ווי אויף אַ למדן אָן אַפּיקורס, ווי אויף אַ מוסטער פון דעם וואָס עס קומט אַרויס פון אַ משכיל וואָס לאָזט זיך אַרײַן אין „גוייִשקייט".

זיי האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ קונצן־מאַכער, וואָס שרײַבט טרייף־פּסולע ביכלעך.

זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט דערפון אַז זייערע געהיטענע זין און טעכטער, אונטער די שטרענגע קאַנאָנען פון חסידות און פרומ־קייט, בענקען נאָך דער געשטאַלט פון דעם פּריצישן ייִד, וואָס האָט געטראָגן אין זיך אפשר דאָס הייסטע ייִדישע האַרץ, פאַר דער גאַנ־צער וועלט, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

די בעלי־הבתים פון דעם ווארשעווער „גזשיבאָוו" און די רבנ־נים וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן די מאַכט איבערן פאָלק האָבן נישט געוווּסט אַז דער גמינע־אַנגעשטעלטער י. ל. פּרץ מיט זײַן כּי־שוף־ניגון רופט אַרויס זייער יוגנט, פירט זיי אַרויס צו ליכט, צו וועלט, צו פרײַהייט. און זיי גייען ווי לונאַטיקערס נאָך אים, צו דער נײַער צײַט, צו דעם נײַעם לעבן.

די ייִדישע פאָלקסטימלעכע אינטעליגענץ האָט שוין צו יענער צײַט אָנגעהויבן לעבן מיט דעם גײַסט פון דעם באַשיידענעם „אָנ־געשטעלטן" פון דער ווארשעווער גמינע. נאָך האַלב פרומע, פאַר־פלאָנטערטע און בלאָנדזשענדיקע אין זייערע וועגן צו דער וועלט, האָבן זיי דאָרשטיק געטרונקען יעדעס פּרצעס וואָרט, יעדן זײַן גע־דאַנק.

יצחק לייבוש פּרץ איז געגאַנגען מיטן קאָפּ אין הימל, ווו ער האָט געהאַט זײַנע גרויסע חשבונות מיט גאָט, דעמאָלט ווען זײַנע פיס האָבן געטרעטן אויף דער פּוילישער ערד, ווו עס האָבן גע־וואַנדלט די ווונדערבאַרע צדיקים וואָס האָבן געשלעפּט דעם שווערן וואָגן פון הויכער ייִדישקייט פון ווײַטע וועגן, וועלכע האָבן געגרייכט צום אָנהייב פון ייִדישן גאַנג.

דאָס האָבן געפילט די פּשוטע ייִדן אויף די גאַסן פון ווארשע.

זיי האָבן געוווּסט אַז דער פּריצישער ייִד אין דער פּעלערינע, כאָטש ער איז נישט פרום איז ער דער שטאָלצער ריטער פון דער העכסטער, גײַסטיקער ייִדישקייט.

פון אַ זייגער 3 בײַ טאָג איז י. ל. פּרץ געוואָרן אויס גמינע־אָנגעשטעלטער, און מיר זעען אים אין זײַן קאַבינעט בײַ זײַן שרײַב־טיש, וואָס איז באַשטעלט מיט חפצים פון ייִדישן סטיל און געמיט. די שטענדיקע זילבערנע אַלטע ייִדישע לײַכטערס, בשמים־ביקסן, בילדער פון ייִדישע מאָלערס אויף די ווענט, און ספרים, ספרים פון אַלע זײַטן.

אין פּרצעס באַשיידענער דירה, וואָס איז באַשטאַנען פון דרײַ אָדער פיר צימערן אין אַ זײַטיק, אומעטיק הויז אויף דער צעגלאַנע גאַס 1, איז נאָר דער קאַבינעט מיט דעם שרײַבטיש געווען באַהויכט מיט דער פּרץ־געשטאַלט, וואָרעם אין דעם קאַבינעט בײַ דעם שרײַב־טיש איז ער דורכגעגאַנגען די מערסטע צײַט פון זײַן לעבן און שאַפן. און עס איז נישט געווען אין די יאָרן קיין געשטאַלט אין דער ייִדישער קולטור־וועלט וואָס זאָל נישט האָבן באַטרעטן די שוועל פון דעם פּרץ־קאַבינעט.

אין דער צײַט פון טאָג האָבן מיר שוין י. ל. פּרצן געזען נאָר אַן אַנדערן.

דאָ האָט גערוט אויף אים אַ יום־טובדיקע ליכט, און עס האָט זיך געדאַכט אַז דאָרט, בײַ דעם גמינע־פענצטערל, איז געזעסן נאָר אַן אַנדערער פּרץ.

פון דער שעה אָן האָט שוין פּרצעס מיר נישט גערוט. ווי בײַ אַ באַוווּסטן דאָקטאָר אין די אויפנעם־שעהען האָבן זיך צו פּרצעס

טיר געצויגן, אחוץ קאָלעגן שרייַבערס און פּערזענלעכקייטן פון דער קולטור־משפּחה, אויך צענדליקער מענטשן פון פאַרשידענעם טיפּ; סטודענטן, בחורים און מיידלעך, יונגע־לייַט קורץ און לאַנגעקליידעטע פון פאַרשידענעם קלאַס און שטאַנד.

דאָס זענען אַלץ געווען מענטשן וואָס זענען געקומען צו פּרצן, טייל נאָך שרייַבערישע הסכמות, טייל מיט „טיפע" פּראָבלעמען: וועגן לעבן, וועגן מענטשן און אויך וועגן גאָט. אין יענע טעג, ווען די וועלטלעכע יידישע קולטור האָט געשטייגט פון טאָג צו טאָג און עס האָט זיך אָנגעטראָגן דער רענעסאַנס אויף אַלע געביטן פון יידישן שאַפן, האָט אַלץ געשטראָמט צו פּרצעס טיר.

י. ל. פּרץ האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אַלץ נייַע און גרויסע טאַלאַנטן. ער איז אַנטקעגנגעלאָפן יעדן נייַ־געקומענעם. אַליין געלאָפן עפענען די טיר.

ער האָט געוואַרט, ווי עס וואַרט אַ קעמפער אויף פאַרשטאַרקונג. ער האָט באַדאַרפט אַז די מתנה וואָס שלאָגט זיך פאַר דער יידישער פאָלקסקולטור זאָל זיין וואָס צאָליקער, ווייַל ער איז לאַנגע יאָרן געשטאַנען עלנט, אַרומגערינגלט מיט שינאה מצד די מעכטיקע אַסימילאַטאָרן, און מיט איגנאָראַנץ און פאַרלייקענונג מצד די קעגנערס פון דער יידישער פאָלקשפּראַך.

עס זענען געווען די יאָרן פון דעם גרויסן פּוילישן, פאָלקישן ראָמאַנטיזם, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אין אַן עלעגיש געזאַנג אין דער ליטעראַטור און קונסט. די גאַנצע פּוילישע קולטור האָט אויסגעוויינט אירע בענקשאַפטן צו באַפרייַונג אין אַ צעקלעמטן טאָן, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן אויך דעם יונגן יידישן דור אין זייַן זוכן דעם וועג צו דער וועלט.

די אַלע וואָס זענען געטריבן געוואָרן צו פּרצעס טיר האָבן בדעה געהאַט צו זייַן פון גאָט געבענטשטע טאַלאַנטן, גרויסע קינסטלערס, שרייַבערס און דענקערס. צו מייַנסטן אָבער זענען דאָס געווען פאַרבלאָנדזשעטע מאַניאַקישע יונגע־לייַט, מעלאַנכאָליקער וואָס האָבן מורא געהאַט איבערצורייַסן מיט די פרומע, אויסגעוואַרעמטע, פאַרמעגלעכע היימען. עס זענען אויך געווען אָפּגעשטאַנענע פון די צעגראַמירטע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, נאָך דער גרויסער רעאַציע, מענטשן וועלכע עס האָט געלאָקט די דערהויבענע יום־טובדיקייט פון אַ שעפערישער אַטמאָספער.



י. ל. פּרץ ביי זיין שרייבטיש

וועגן זייַן וואַרטן און אַנטקעגנלויפן יעדן יונגן־מאַן, וואָס האָט אָנגעקלאַפּט אין זייַן טיר, האָט י. ל. פּרץ אַ מאָל געזאָגט:

— איך וואַרט... עס מוז דאָך קומען דער באמת גרויסער... האָב איך נישט קיין געדולד צו וואַרטן... פּונקט אַזוי ווי די כעלעמער יידן... וואָס כאַפּן זיך אַלע מאָל אַרויס הינטערן שטאָט... אַ קוק טון... צו עס איז נישט אַ מאָל געקומען משיח...

עס איז שווער הייַנט איבערצוגעבן די כשופדיקע ווירקונג פון פּרצעס אַ וואָרט צו יענער צייַט. די מאָראַלישע קראַפט פון פּרצעס משפּט איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט געקאָנט געבן אַלץ אין איין טאָג, מאַכן פון איינעם אַ באַרימטקייט אָדער צונעמען ביי אים אַלע האָפענונגען, אַרייַנוואַרפן אים אין דעם פינצטערן קעלער פון רומלאָזיקייט.

פאַרשטייט זיך אַז דאָס אַלץ וואָס מען האָט צו יענער צייַט געקאָנט באַקומען איז געווען נאָר אַ מאָראַליש פאַרמעגן, וואָס האָט נישט געשטערט אַרומצוגיין הונגעריק מיט צעריסענע שיך. קיין ליטעראַרישע פּרעמיעס און סטיפּענדיעס האָט די יידישע ליטעראַטור נישט פאַרמאָגט. פּרץ אַליין האָט, ווי געזאָגט, געמוזט אַ האַלב פון זייַן שעפערישער צייַט אַוועקגעבן זייַן טרוקענער אַרבעט אין דער גמינע.

י. ל. פּרץ האָט אָבער געהאַט אין זיך די קראַפט צוצובינדן אַ פּאָר פליגל, געבן האָפענונג און גלויבן, אַזאַ גלויבן וועלכן ער אַליין האָט געטראָגן אין זיך, אַז די יידישע ליטעראַטור איז אַ זאַך פאַר וועלכער עס איז ווערט אָפּצוגעבן אַ לעבן.

אין דער הינזיכט איז י. ל. פּרץ געווען אַן אויסנאַם צווישן די ערשטע יידישע גייַסטער. עס איז געווען מערקווערדיק פון וואַנען פּרץ, וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער סאַמע יידיש־טראַדיציאָנעלער, בירגערלעכער טיפעניש, האָט גענומען אַזוי פיל פּיעטעט פאַר קונסט.

ווּ האָט ער גענומען כוח און גלויבן אַרומצוגיין אַזוי פיל יאָרן איבער דעם רעשיקן „גזשיבאָוו”, איבער דער פעסטונג פון תורה, געלט און האַנדל, זינגענדיק דאָס געזאַנג פון קונסט און פּאָרעם.

אויף וויפל י. ל. פּרץ איז געווען פרעמד, אויף וויפל ער האָט פיַינט געהאַט דעם קרעמער און נישט געגלויבט אַז דער הענדלער וועט געבן דעם פאָלק וועלכע עס איז שעפערישע ווערטן, באַווײַזט די קליינע סצענע בײַ פּרצן אין קאַבינעט, אין די נאָכמיטאָג־שאָהען.

אויף דער שוועל בלײַבט שטיין אַ דערשראָקענער יונגער־מאַן. פּרץ הייבט זיך אויף, זײַן קרעפטיקן מויל אונטער די שווערע, פּוילישע, פּריציש וואָנצעס איז האַלב אָפן און צעשמייכלט. די שטענדיקע עטלעכע געסט בײַ פּרצן, מיט דעם אַלטן נאָענטסטן פרײַנד יעקב דינעזאָנען וואַרטן אויף פּרצעס פּסק איבער דעם נײַעם שרײַבערישן קאַנדידאַט.

— וואָס וועט איר זאָגן... — פרעגט פּרץ.

— כ׳וואָלט געוואָלט... ווײַזן אַ ליד...

— און קיין פּראָזע... שרײַבט איר נישט...

— איך שרײַב פּראָזע אויך...

— רעדט העכער... ווײַזט מיר בעסער... פּראָזע...

פּרץ האָט פײַנט ווען מען רעדט נישט הויך און דײַטלעך.

דער יונגער־מאַן נעמט אַרויס עטלעכע פּאַפּירלעך; פּרץ כאַפּט עס אים פון דער האַנט:

— פאַר וואָס שרײַבט איר... אַזוי שפּיציק... נאָך וואָס ציקט איר... וואָס זענט איר...

— אַ בוכהאַלטער...

פּרץ טוט אָן די האַלבע ברילן און לויפט דורך די עטלעכע ערשטע שורות:

— ווי איז אײַער פאַמיליע־נאָמען...

בײַ פּרצן האָט אויך געשפּילט אַ ראָלע דער פאַמיליע־נאָמען פון אַ שרײַבער. ער האָט געהאַלטן אַז אַ מענטש וואָס טראָגט אַן אויסגעדראָשענעם פאַמיליע־נאָמען קאָן נישט האָבן קיין טאַלאַנט. דעם יונגען־מאַנס פאַמיליע האָט, זעט אויס, געמאַכט אַ שלעכטן אײַנדרוק. דאָס זעט מען שוין אויף פּרצעס געזיכט. זײַנע וואָנצעס האָבן אויפגעהערט שמייכלען און זײַנע ווערטער קלונגען טרוקן און פרעמד:

— זעצט אײַך... און לייענט...

דער יונגער־מאַ הייבט אָן מיט אַ בלייך, פאַרבלאָז קול. נאָך עטלעכע שורות שטעלט אים פּרץ אָפּ:

— גענוג... איר האָט לײדער נישט קיין טאַלאַנט... איר דאַרפט נישט שרײַבן... אַ שאָד אײַער צײַט... אײַער לעבן... מיט וואָס האַנדלט אײַער פאָטער...

— מײַן פאָטער האָט אַ געוועלב...

— און נישט מער?... אַ שאָד... איר זעט גאָרנישט... ווען אין אײַער שטוב וואָלט געווען אָרבעט... ווען אײַער פאָטער וואָלט געווען אַ שוסטער... אַ שנײַדער... וואָלט געווען אָרבעט... אָרעמקייט... קאַמף פאַר ברויט... וואָלט געווען פרומ־

קייט... אַ גלויבן... אַ גאָט... אָבער אַ געוועלבל... איר האָט נישט וואָס צו דערציילן... איר וועט אויך האָבן אַ געוועלבל...

בײַ אַזאַ סצענע איז געוואָרן אומהיימלעך שטיל. אויך פּרץ, וואָס איז בטבע געווען אַ פרײַנדלעכער מענטש, איז דערבײַ בלאַס געוואָרן און זײַנע וואָנצעס האָבן אויפגעשפּילט מיט אַ דינעם ציטער פון אומבאַקוועמען געפיל. דערנאָך האָט זיך פּרץ פאַרענטפערט פאַר זײַן אַלטן פרײַנד דינעזאָן:

— מען טאָר נישט אין די פאַלן... זײַן מילד... דינעזאָן... מען מוז אָפּשנײַדן מיט אַ מאָל... ווען נישט, צעברעכט מען יענעם דאָס לעבן... בײַ ליטעראַטור דאַרף מען צו אַ נישט באַרופענעם... נישט זײַן קיין מאַמע... נאָר אַ... טאַטע... אַ מאַמע פאַרדעקט די שלעכטע גענג פון איר קינד... און מיינט אַז זי טוט אים אַ טובה... בעסער געבן אַ ריינעם שניט... וואָס טוט וויי... איידער פאַרבונדן מיט אַ ווײַס מאַמעטיכל... אַן אומריינעם בלאָטער...

האָט אָבער י. ל. פּרץ אין וועמען דערזען אַ פונקט פון גײַסט און טאַלאַנט, האָט אַלץ אַרום אויפגעשפּילט. עס איז געוואָרן יום־טובדיק און ער איז גרייט געווען אַזעלכן אַרומצורינגלען מיט דער גרעסטער זאָרגפעליקייט.

יצחק לייבוש פּרץ איז אַחוץ זײַן נישט פאַרטרעטלעכער גרויסקייט אין דער ייִדישער פאָלקס־ליטעראַטור, אויך פאַרבליבן דער סימבאָל פון דעם גרויסן פּוילישן ייִדנטום, ווי אַ מעטעאָר וואָס איז געשיקט געוואָרן פון אַ גרויסער הייך, צו זײַן צײַט, אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט פון דער טויזנטיעריקער ייִדישער באַזעסנקייט.

פּרץ איז געקומען איבערנעמען די מאַכט פון די קאַרגע, רבנישע הענט, וואָס האָבן הונדערטער יאָרן פאַרפרעמדט דעם ייִדישן פאָלקסמענטש צו דער וועלט, פאַרשרעקנדיק גראָד די צום מינסטן בעוולטע מיט דער שטראָף אויף יענער וועלט.

י. ל. פּרץ האָט פאַראַפראַזירט אַלע גײַסטיקע ווערטן פון דער רעליגיעזער פאַנטאַזיע לטובת די אָרעמע, און איבערגעלאָזט דעם גיהנום פאַר די נישט־גערעכטע.

ער האָט עס געטאָן נישט זײַענדיק קיין סאָציאַליסט. ער האָט געטאָן ווי אַ קינסטלער פון אַ הויכער מדרגה.

י. ל. פּרץ איז געווען דער רעוואָלוציאָנער פון דער ייִדישער פאָלקס־נשמה. דערפאַר האָט ער געהאַט אַזאַ גרויסן רעזאָנאַנס, וואָס איז ווײַט אַריבערגעשטיגן די מאָסן פון אַ שריפטשטעלער און קינסטלער.

י. ל. פּרץ איז געווען דער פירער פון דעם באַפרײַטן ייִדישן וועלטגעדאַנק אין זײַן צײַט.

אינעם יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען נאָך הונדערטער יאָרן באַזעסן ייִדיש לעבן אין פּוילן האָבן זיך איבער די גאַסן פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט באַוויזן די טויזנטער וואַנדערנדיקע ייִדישע משפּחות, פאַרטריבענע דורך דער צאַרישער מאַכט, פון זייערע היימען בײַ די ברעגן פונעם לאַנד; ווען דאָס פאַרבילד פון חורבן האָט באַוויזן ווי הפקר דאָס ייִדישע באַזיץ און לעבן קענען ווערן, האָט י. ל. פּרץ אויסגעטון די יום־טוב־קליידער פון זײַן הויכער דיכטונג און זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן דער אַרבעט פון באַזאָרגן די היימלאָזע. זײַן קראַנק האַרץ האָט זיך אָפּגערופן מיט גרויסער ליבע צום געפּלאָגטן פאָלק.

צום מינסטן האָט פּרצן געפּײַניקט דער ווייטאָג און דאָס רחמנות צו די געפּלאָגטע ייִדישע היימלאָזע קינדער פון די וואַנ־

דערנדיקע „ביעזשענצעס“, און ער האָט אויף זיך גענומען די שווערע ארבעט פון באַזאָרגן מיט היימען אין דער ערשטער ריי די קינדער.

פרץ האָט דערין אַריַינגעטאָן זיַין גאַנצע אויטאָריטעט, ענערגיע און שטורעמדיקן טעמפּעראַמענט, נישט געקוקט אויף זיַין האַרץ און עלטער. צוזאַמען מיט זיין אייביקן באַגלייטער, דעם אַלטן קינדערפריינד, דעם מחבר פון „הערשעלע“ און „יאָסעלע“ יעקב דינעזאָן, האָט ער געגרינדעט די ערשטע קינדערהיימען אין ווארשע.

י. ל. פרץ האָט נישט גערוט. ער איז געלאָפן פון איין קינדערהיים אין דער אַנדערער, וואָרעם די קינדער זענען געוואָרן זיינע.

ער האָט געגלויבט אַז אין דעם ייִדישן קינד, אין דעם קומענדיקן, וועלטלעכן דור, וועט די ייִדישע ליטעראַטור האָבן דעם לייענער.

דערנאָך האָט פרץ גענומען זאָרגן פאַר דער גיַיסטיקער שפּיַיז פאַר זיַינע קינדער. ער האָט אַוועקגעלייגט זיַינע גרויסע שאַפונגען און געווידמעט זיַין גרויסע פעדער דעם פּשוטן, פּרימיטיוון ליד פאַר דעם ייִדישן קינד.

און אין אַ מיַי פאַר טאָג, אינעם יאָר טויזנט ניַין הונדערט פופצן, אין מיטן דעם שפּינען אַזאַ קינדערליד, איז אויסגעלאָשן געוואָרן זיַין גרויס האַרץ.

ווער עס האָט געזען ווארשע נאָך דעם חורבן, דאָס ייִדישע ווארשע ווי אַ ריזיקער קבר פון לעבעדיק באַגראָבענע מיליאָנען ייִדן —

ווער עס האָט פאַרנומען די שטילקייט פון דער אויסגעשטאָרבענער וועלט, דער איז צוגעפאַלן מיט זיַין קאָפּ צו דעם איינציק פאַרבליבענעם לעבעדיקן צייכן אינעם ייִדישן ווארשע. דאָס איז דער גענשער בית־עולם, וווּ עס וואַכט דער מאָנומענטאַלער אוהל־פּרץ. דאָ ביַי דעם שטיין, פילט איר אַז דער מיטלפּונקט פון דער לעצטער, וועלטלעכער תקופה אין דעם פּוילישן ייִדנטום איז אָט דער שטיין.

דאָ איז דער קווינטעסענץ פון אַ געזאַמלטן גיַיסט־אוצר פון אַ טויזניאָריק באַזעסן ייִדיש לעבן אויף דער פּוילישער ערד.

יצחק לייבוש פּרץ.

י. ל. פּרץ האָט געגלויבט אַז ער איז אַ שריַיבער נישט נאָר פון זיַין ציַיט.

אויך מיר די ייִנגערע שריַיבער, האָבן נישט געגלויבט אַז י. ל. פּרץ וועט ביַי אונדז דערמאָנט ווערן נאָר אין די פּרץ־טעג, — בעת די „פּרץ־טעג“ צו זיַין יאָרציַיט.

פּרץ האָט געטרוימט און געגלויבט אַז יעדעס ייִדיש קינד פון אַ ייִדישער פאָלקסשול וועט וויסן וועגן אים מער ווי עס וויסן איצט טויזנטער ייִדן וועלכע האָבן פון זייער שטוב פאַריאָגט דעם קלאַנג פון פּרצעס שפּראַך און דעם פלאַמיקן אָטעם פון זיַין גיַיסט.

יצחק לייבוש פּרץ האָט געגלויבט אַז עס וועט קומען זיַין אייביק גרויס לעבן, וואָס פעלקער גיבן זייערע שריַיבער נאָכן טויט.

וויַיל אייביקייט און אומשטערבלעכקייט קאָן געבן נאָר אַ פאָלק.



**יעקב מעסטל** — (ניו־יאָרק)

# יידישע שוישפּילער פון ווארשע און אומגעגנט

(סכעמע פאַר אַן ארבעט)

אין א קאָרעספּאָנדענץ פון 26טן יולי 1838 צו דער לײַפּציגער „אַלגעמיינע צײַטונג דעס יודענטומס" ווערט דערציילט: „ווארשע פאַרמאָגט א יידיש טעאַטער, ווו מען שפּילט פּיעסעס פון דער נאַציאָנאַלער געשיכטע אין יידיש־דײַטשן דיאַלעקט (בכן — יידיש!). אָבער אפילו דער גרויסער פּוילישער טעאַטער האָט צווישן זײַנע בעסערע אַקטיאָרן יידן — — — דער אָנפירער פון דעם דערמאָנטן (יידישן) טעאַטער אין ווארשע איז איזאַק שוישפּילער (דעם נאָמען האָט ער אַליין אָנגענומען מיט עטלעכע יאָר צוריק). ער איז גלײַכצײַטיק אויך דער מחבר פון עטלעכע נישט־געדרוקטע ווערק פאַר דער בינע אין דײַטש־יידישן דיאַלעקט. זײַן פּיעסע „משה", אין שילערס סטיל, איז פול מיט סאַמע געהויבענע געדאַנקען". און אין א באַריכט פון 4טן דעצעמבער 1838 (געשריבן דעם 12טן נאָוועמבער 1838) אין דעם פראַנצויזישן „זשורנאַל דע פראַנקפאָרט" ווערט דערציילט, אַז דאָס טעאַטער האָט זיך „געעפנט דעם לעצטן מאָנטיק (5טן נאָוועמבער 1838) מיט א דראַמע אין פינף אַקטן, טייל אין גראַמען, טייל אין פּראָזע, מיטן טיטל „משה". דאָס איז דער ערשטער דראַמאַטישער פּרוּוו פון א יונגן, זייער פעיִקן אַקטיאָר און שרײַבער, ה' איזאַק שערצשפּילער (שוישפּילער?) פון ווין. ער אַליין האָט אויסגעפּילט די הויפּטראָלע, און אים איז פּראָוויזאָריש אָנגעטרויט געוואָרן די אָנפירונג פונעם טעאַטער. אַלע זענען מסכים אַז אין דער פּיעסע געפינט מען גוט־געשילדערטע כאַראַקטערן, עטלעכע סיטואַציעס מיטן העכסטן גראַד דראַמאַטיזם, און א שפּראַך, וואָס דערמאָנט צײַטנווײַז די געהויבענע פּשטות פון ביבלישן סטיל. די פּיעסע איז אויפגענומען געוואָרן מיט זייער גרויס פרײַנדלעכקייט, די צוזעער האָבן דרײַ מאָל אַרויסגערופן דעם יונגן מחבר, און מען האָט אים באַגריסט מיט איינשטימיקע אַפּלאַדיסמענטן".

צום באַריכט איז נאָך צוגעגעבן: „אין אַלגעמיין פאַרשפּרייט זיך אין ווארשע אַלץ מער דער געשמאַק אין טעאַטער־פאָרשטעלונגען. אין דעם מאָמענט האָט די שטאָט נישט ווינציקער, ווי נײַנצן טעאַטערס פון אַמאַטאָרן." (ציטירט לויט ד"ר מאַקס ווײַנרײַך — זע: שלום פּערלמוטער — יידישע דראַמאַטורגן און טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס, ניו יאָרק, 1952, ז"ז 27־28).

איזאַק שוישפּילער (אָדער שערצשפּילער — בדחן?) איז אַזוי אַרום דער ערשטער באַקאַנטער יידישער שוישפּילער אין ווארשע.

אין 1885 שפּילט אברהם גאָלדפאַדען „יידיש־דײַטש טעאַטער" אין ווארשע (אין דעמאָלטיקן טעאַטער „בוף") צוזאַמען מיט אברהם טאַנצמאַן. אָט דער אברהם־יעקב טאַנצמאַן (1857־1906), אַליין א ווארשעווער, איז דער ערשטער באַדײַטנדיקער יידישער אַקטיאָר וואָס ווארשע האָט אַרויסגעגעבן. ער שפּילט מיט דערפאָלג אין גאָלדפאַדען־רעפּערטואַר („אחשורוש", פּאַפּוס אין „בר־כוכבא" א"א.) און ווערט אויך שפּעטער (1890) פּאָפּולער אין אַמעריקע, באַזונדערס מיט זײַן אויפפירונג פון „שולמית" אין קאַליפאָרניע. טאַנצמאַן איז געווען דער פּראָפעסאָר פון די פּיעסן „שמשון הגבור", „קאַפּיטאַן דרײַפוס" און פון פיל איינאַקטערס. אויך זײַן זון יאָזעף, געבוירן אין ווארשע, איז געווען א יידישער אַקטיאָר, ליברעטיסט און מוזיק־פּראָפעסאָר פון די אָפּערעטעס „דער גלות", „דער פּראַגער גולם", „דאָס גאָלדענע האַרץ", „די גאָלדענע כלה", „זיסע ליבע" א"א.

ווארשע האָט אויך אַרויסגעגעבן איינעם פון די פּאָפּולערסטע יידישע אָפּערעטן־קאָמיקער בערל בערנשטיין (בורשטין, 1860־1922). לויטן זשאַנר א בורלעסק־אַקטיאָר, האָט ער אָבער אויך געשפּילט אין ליבינס און גאָרדינס פּיעסעס און איז אפילו געווען פּאָפּולער אַלס שמאי אין גאָרדינס „יידישער קעניג ליר" (מיט יעקב פּ. אדלער).

צו יענעם פּעריאָד געהערט אויך דער ווארשעווער מרדכי־חיים טיטעלמאַן (1872־1921), וועלכער איז געווען שוישפּילער, רעזשיסער און דערציִער פון א ריי יידישע שוישפּילער.

איינער פון די באַדײַטנדיקסטע יידישע שוישפּילער, אויך א ווארשעווער, איז געווען דער קדוש א. סאַמבערג (יצחק־אײַזיק סאַמבאָרעק, 1889 — אַרום 1942), דער „קרול" (קעניג) פון יידישן טעאַטער, ווי ער פלעגט זיך רופן. הגם א היפּשע צײַט געשפּילט אין דער אָפּערעטע, געהערט ער אָבער (בפרט זינט 1920) צום ריין־דראַמאַטישן יידישן טעאַטער, ווו ער האָט געגעבן קרעאַציעס פון אַזעלכע ראָלן, ווי שלום אַש „מאָטקע גנב", גאָרדינס „רעוויזאָר". דערנאָך (מיט דער „ווילנער טרופּע") שימעלע סאָראָקער אין שלום עליכמס „דאָס גרויסע געווינס", מאָליערס „דער קאַרגער", דער לץ אין פּרצס „בײַ נאַכט אויפן אַלטן מאַרק", שעקספּירס „שײַלאָק", לינדויס „פּראָקוראָר האַלערס", ראָבעספּיער אין ביכנערס „דאַנטאָנס טויט", דוויד בערגעלסאָנס „דער טויבער" א"א. אין די דאָזיקע ראָלן האָט ער אויך גאַסטראָלירט איבער דער פּוילישער פּראָווינץ און אין נאָרד־ און זיד־אַמעריקע. ער האָט אויך געשפּילט דעם משולח אין יידישן פילם „דער דיבוק" פון ש. אנסקי, און יאַנקל צימבאַליסט אין פּוילישן פילם „פּאַן טאַדעוש" פון אדאַם מיצקעוויטש. סאַמבערג איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון ווער־

שעווער צענטראַל־טעאַטער, און פאַרוואַלטונגס־מיטגליד און פאָרזיצער פון אַמאָליקן ייִדישן אַרטיסטן־פאַראיין אין פּוילן. ער איז אומגעקומען אין אַ נאַציישן קאָנצענטראַציע־לאַגער.

צווישן די עלטערע אַנערקענטע ייִדישע שוישפּילער פון וואַרשע איז געווען יעקב ליבערט, (1874־1919?) וועלכער האָט נאָך געשפּילט מיט אברהם גאָלדפאַדען. אַרום 1890 גרינדעט ער (צוזאַמען מיט אסתר־רחל האַלפּערן, די שפּעטער באַרימטע אסתר־רחל קאַמינסקי) אַ דראַמאַטישן קרײַז אין וואַרשע. צוויי יאָר שפּעטער שפּילט ער שוין דאָרט „ייִדיש־דײַטש טעאַטער", און וואַנדערט דערנאָך 11 יאָר מיט אברהם פישזאָנס טרופּע איבער גרויסרוסלאַנד.



אַ גרופּע ייִדישע אַרטיסטן פון וואַרשע

אָבער זײַן קאַריערע, ווי אַ דראַמאַטישער אַקטיאָר הייבט זיך אָן ערשט ווען ער, צוזאַמען מיט אסתר־רחל קאַמינסקי, טיילן אָפּ (אין 1905) די דראַמע פון דער אָפּערעטע און זיי גרינדן שפּעטער די „פאַראייניקטע טרופּע", וווּ ליבערט שפּילט די הויפּטראָלן אין גאָרדין־ליבין־קאָברין־רעפּערטואַר, ווי אויך אין איבסענס „נאָראַ", זודערמאַנס „היימאַט" א"אַ. נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע גאַסטראָלירט ער איבער אוקראַיִנע און איז שפּעטער (1920) דער מיטגרינדער פון ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין קיִעוו.

ליבערט איז שוין פאַרבליבן אין ראַטן־פאַרבאַנד, וווּ ער איז געשטאָרבן — אַ געפײַערטער עמעריט און מיטן טיטל „פאַרדינסטפולער אַרטיסט", צוריק מיט עטלעכע יאָר.

די פאָן פון וואַרשעווער ייִדישן טעאַטער זענען די שוישפּילער־פאַמיליעס קאַמינסקי און טורקאָוו.

אברהם־יצחק קאַמינסקי (1867־1918), געבוירן אין וואָלע (אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע) איז געווען שוישפּילער און דירעקטאָר פון טרופּעס, אין וועלכע עס האָבן געשפּילט אַ סך באַקאַנטע אַקטיאָרן. ער האָט אויך געשריבן פּיעסעס, צווישן אַנדערע די קאָמעדיע „ייִדישע אַקטיאָרן אויף דער רײַזע" און איבערזעצט אויף ייִדיש גאָרקיס „אויפן דעק", שילערס „רויבער", מאָליערס „דער אײַנגעבילדעטער קראַנקער" א"אַ.

זײַן פרוי, אסתר־רחל קאַמינסקי (1870־1925), ווערט באַטראַכט ווי די „מאַמע פון ייִדישן טעאַטער" אין פּוילן. „זי האָט געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָלע אין ייִדישן טעאַטער־לעבן אין פּוילן — שרײַבט יצחק גרודבערג — דער טאַלענט פון אסתר־רחל קאַמינסקי איז געווען פון אַ באַזונדערער קוואַליטעט — — — בײַ דער אַבסאָלוטער נישט־צוגעגרייטקייט אירער אין פּרט פון בילדונג, האָט דאָך עמאַנירט פון איר, אַ כוח פון אוממיטלבאַרן אויסדריקן די אינערליכע געפילן־וועלט, דעם אינערלעכן אמת פון איבערלעבונגען." קיין וווּנדער נישט וואָס אירע גאַסטשפּילן אין אַמעריקע האָבן געמאַכט אַזאַ רושם. קודם־כל ווי אַ גלענצנדיקע גאָרדין־שוישפּילערין. דערצו האָט זי אויך געהאַט אין איר רעפּערטואַר פון מאָליער, גאָרקי, דיומאַ, זודערמאַן, איבסען א"אַ.

נישט וויניקער באַרימט איז געוואָרן איר טאָכטער אידאַ קאַמינסקאַ. אַ שוישפּילערין פון אָנגעזעענעם באַדײַט, האָט זי באַזונדערס זיך קונה־שם געווען מיט איר רעזשיסירן וויכטיקע אויפפירונגען סײַ אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, סײַ אין פּוילן.

אידאַ קאַמינסקאַ איז איצט די אָנפירערין, רעזשיסערין און הויפּט־שוישפּילערין פון די ייִדישע מלוכה־טעאַטערס אין פּוילן און איז ערשט נישט לאַנג באַערט געוואָרן מיטן טיטל פאָלקסאַרטיסטין. אויך די באַקאַנטע שוישפּילערין דינה האַלפּערן איז פון זייער משפּחה. מיט אידאַ קאַמינסקאַן האָט אַ לענגערע צײַט מיטגעאַרבעט איר מאַן זיגמונט טורקאָוו. געענדיקט אַ פּוילישע דראַמאַטישע שול און געשפּילט אַ קורצע צײַט פּויליש אין „טעאַטער פּאָלסקי". ער ווערט שפּעטער אַנגאַזשירט אין דער קאַמינסקי־טרופּע און דערנאָך דער קינסטלערישער לייטער פון טעאַטער „צענטראַל" אין ווארשע, ווו ער פירט אויף דעם קלאַסישן און מאָדערנעם ייִדישן און וועלטלעכן רעפּערטואַר. אין 1926 גרינדעט ער אין ווארשע דעם „וויקט". די לעצטע יאָרן האָט ער גאַסטראָלירט ווי אַ שוישפּילער און רעזשיסער אין זיד־אַמעריקע, האָט אָנגעפירט אין ריאָ דע זשאַניירא (בראַזיל) מיט אַ דאָרטיקער פּאָרטוגעזישער טרופּע און מיט אַ ייִדישן דראַמקרײַז, און איז איצט טעטיק אויפן טעאַטער־געביט אין ישראל.

זיגמונט טורקאָוו האָט רעזשיסירט און מיטגעשפּילט אין עטלעכע ייִדישע פילמען און האָט איבערגעזעצט אַ צאָל פּיעסעס (איניקע צוזאַמען מיט זײַן געוועזענער פרוי אידאַ קאַמינסקאַ). ער איז אויך געווען מיטרעדאַקטאָר פון די פּעריאָדישע אָרגאַנען פון ייִדישן אַרטיסטן־פאַראיין אין פּוילן און מיטגרינדער פון דעם טעאַטער־מוזיי אויפן נאָמען פון „אסתר רחל קאַמינסקי" אין ווילנע.

אויך יאָנאַס טורקאָוו, אַ ברודער פון זיגמונט, האָט געענדיקט אַ דראַמשולע און צוזאַמען מיט זיגמונטן געגרינדעט „דאָס אַרטיסטישע ווינקעלע", און שפּעטער אַליין — „דאָס באַוועגלעכע דראַמאַטישע טעאַטער", „די יונגע בינע" און „וונינט" (ווארשעווער נײַער ייִדישער טעאַטער), ווו ער איז געווען אָנפירער און הויפּט־שוישפּילער. ער האָט אויך געשפּילט די הויפּטראָלן אין עטלעכע ייִדישע און פּוילישע פילמען.

מיטגעמאַכט די גאַנצע היטלער־בהלה אין פּוילן, איז ער נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען אין אַמעריקע, ווו ער איז פון צײַט צו צײַט טעטיק אויפן ייִדישן טעאַטער־געביט. יאָנאַס טורקאָוו האָט אָנגעשריבן איניקע קאָמעדיעס און איינאַקטערס און איבערזעצט פיל פּיעסעס, און האָט פאַרעפנטלעכט אַ בראָשור „וועגווײַזער פאַר דראַמאַטישע קרײַזן" און די צוויי באַדײַטנדיקע ביכער „אַזוי איז עס געווען" און „אין קאַמף פאַרן לעבן". די פרוי פון יאָנאַס, דיאַנאַ בלומענפעלד, איז אַן אַבסאָלווענטקע פון פּעדאַגאָגישע קורסן, פון אַ קאָנסערוואַטאָריע און אַ פּוילישער דראַמאַטישער שול. זי האָט געשפּילט אין ווארשעווער צענטראַל־טעאַטער און אין „וויקט" און מיטגעמאַכט דעם זעלבן מאַרשרוט וואָס איר מאַן. אין אַמעריקע טרעט זי אויף מיט קאָנצערט־נומערן און פון צײַט צו צײַט אויך אין טעאַטער־פאָרשטעלונגען. דער ייִנגסטער פון די טורקאָווס איז יצחק־בער טורקאָוו־גרודבערג. ער האָט געלערנט אין אַן אַגראַרשול אויף אַ חלוצים־פאַרם, און דערנאָך גענומען שפּילן ייִדיש טעאַטער, מיינסטנס אין דער טרופּע פון זײַן ברודער זיגמונט און אידאַ קאַמינסקאַ. טורקאָוו־גרודבערג איז איצט איינער פון די אָנפירער און אַ שוישפּילער און רעזשיסער אין ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין פּוילן. ער האָט אַ סך געשריבן וועגן טעאַטער, אַליין געשריבן און אויך באַאַרבעט און איבערזעצט פּיעסעס פון

דימאָוו, יושקעוויטש, שענהער, טאָלער, ראָמען ראָלאַן, אָ'ניעל א"א ער איז דער מחבר פון ווערטפולן בוך „ייִדיש טעאַטער אין פּוילן" (1951).

צו די בכבודיקע ווארשעווער געהערן די שוישפּילער־שרײַבער אברהם טייטלבוים און מאַרק שווײַד.

אברהם טייטלבוים (1889-1947) האָט אָנגעהויבן ווי אַ סופלער, איז דערנאָך אַריבער אויפן שוישפּילער־פאַך (צו ערשט מיט דער קרויזע־ספּיוואַקאָווסקי־טרופּע, דערנאָך אין קאַמינסקיס „פאַראייניקטע טרופּע"), האָט גאַסטראָלירט שפּעטער אין פּאַריז, לאָנדאָן, בוענאָס־אײַרעס און אויך אין פּוילן. ער איז אַ קורצע צײַט דער אָנפירער פון דראַמאַטישע סטודיעס אין מאָסקווע, מינסק און ווילנע, שפּילט מיט דער „ווילנער טרופּע" און קומט (1919) ווי אַ גאַסטראָליאָר אין ניו־יאָרקער ייִדישן קונסט־טעאַטער, מיט וועלכן ער איז געווען פאַרבונדן אַ לענגערע צײַט.

טייטלבוים איז געווען אויך טעטיק אויפן געביט פון רעזשי און איז געווען שוישפּיל־לערער אין איניקע דראַמסטודיעס, אויך אַ קורצע צײַט אין „אַרטעף". ער האָט אַ סך געשריבן וועגן טעאַטער, האָט איבערגעזעצט אַ קאַרגע טוץ אייראָפּעיִשע פּיעסעס און אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער, צווישן זיי „טעאַטראַליאַ" און די 300 זײַטיקע מאָנאָגראַפיע „וויליאַם שעקספּיר". מאַרק שווײַד איז אַ פּאָעט סײַ מיט דער פעדער, סײַ אין איניקע פון זײַנע צאַרטע כאַראַקטער־ראָלן. אַן אַבסאָלווענט פון אַ פּוילישער דראַמשול, האָט ער אָנגעהויבן שפּילן ייִדיש טעאַטער נאָך אין ווארשע, און איז באַלד אַוועק קיין ניו־יאָרק, ווו ער איז דאָס רוב פון זײַן קאַריערע געווען פאַרבונדן מיטן ניו־יאָרקער ייִדישן קונסט־טעאַטער. שווײַד האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע זאַמלונגען לידער, האָט איבערזעצט אַ ריי פּיעסעס און אַליין געשריבן פּיעסעס. זינט עטלעכע יאָר איז ער אַוועק פון דער בינע, געוואָרן אַ רעפּאָרטער פאַרן „פאָרווערטס" און טרעט גאָר זעלטן אַרויס אויף דער ראַדיאָ. עכטע „ווארשאַוויאַנקעס" זענען די דרײַ ייִדישע אַקטריסעס מיט אַ קאָלירפולער קאַריערע — אַנאַ העלד, פעני וואַדיאַ־עפּשטיין און אָליאַ לילית.

אַנאַ העלד (1865-1918) האָט געשפּילט מיט יעקב פּ. אַדלער אין גאָלדפאַדענס „שולמית" און דינה אין „בר כוכבא", איז דערנאָך אַריבער מיט גרויס דערפאָלג צום וואָדעוויל אויף פראַנצויזיש, ענגליש און דײַטש (אין פּאַריז, לאָנדאָן און בערלין) און אין 1896 אַנגאַזשירט געוואָרן קיין ניו־יאָרק פאַר די דעמאָלט באַרימטע „זיגפילד פאָלים", ווו זי ווערט די סענסאַציע פון דער אַמעריקאַנער האַלבקונסט. זי איז געשטאָרבן אין ניו יאָרק (1918) און געקומען צו קבורה אויף אַ קריסטלעכן בית־עולם. נאָך קאָלירפולער איז די ביאָגראַפיע פון פעני וואַדיאַ־עפּשטיין. (1868-1913) אַ שנײַדערס אַ טאָכטער איז זי צו ערשט געוואָרן (85-1886) אַ כאַריסטקע אין לאָנדאָן (צוזאַמען מיט אַנאַ העלד, דזשעני קײַזער און דער שפּעטערדיקער דיינע פיינמאַן), דערנאָך געשפּילט עפּיזאָדראָלן, — און פּלוצעם נעמט מען דערציילן וועגן איר פאַנטאַסטישער קאַריערע: עס הייסט אַז אַ ווײַסער שקלאַפן־הענדלער האָט זי געבראַכט פון פּאַריז קיין באָמביי (אינדיע) און פון דאָרט האָט זי צוריקגעבראַכט קיין לאָנדאָן דער ענגלישער גאָווערנער וואַדיאַ, וועלכער זאָל אפילו האָבן מיט איר חתונה געהאַט אין דער „דאָקס־פּליים־שול" (לויטן „לעקסיקאָן פון ייִדיש טעאַטער", צווייטער באַנד, ז' 1591). זי גאַסטראָלירט דערנאָך אין בוענאָס־אײַרעס אין גאָרדין־רעפּערטואַר, ווי אויך אין פּיעסעס פון הירשביין, אַש, פּינסקי, איבסען א"א. — נאָך אַלץ נישט קענענדיק אפילו לייענען

קיין יידיש, אדער אן אנדער שפראך. צוריקגעקומען קיין פוילן, האט זיך נאך געשפילט א סעזאן אין זאנדבערגס „גרויסעם טעאטער" אין לאדזש, און איז (1913) געשטארבן אין א קעלערשטיבל אין ווארשע.

ווען איר שפילן זענען געבליבן א סך געטיילטע מיינונגען: פון העכסטן לויב (נח פרילוצקי, זלמן זילבערצווייג), ביז כמעט טאטאלער פארלייקענונג (ד"ר א. מוקדוני, דוויד פרישמאן). אליא ליליט (ליאליא צעדערבוים) איז געווען די „דיווא" פון דער יידישער בינע. אנגעהויבן מיט סאלאס און דועטן אין פוילישן קליינקונסט־טעאטער „קווי פרא קווא" (אונטערן נאמען צעדעראווסקא, ווערט זי דערנאך א מיטגרינדערין פון דער יידישער קליינקונסט־בינע „אזאזעל", מיט וועלכער זי גאסטראלירט אויך איבער דער פוילישער פראווינץ. קאנצערטירט דערנאך (צוזאמען מיט בארים טאמאשעווסקי און רות רענעי) אין טשעכאסלאוואקיע, עסטרייך, פראנקרייך, בעלגיע, האלאנד און ענגלאנד, און קומט (1931) קיין אמעריקע, ווו זי איבערראשט ממש די קריטיק און דאס פובליקום מיט איר עלעגאנץ און צארטפילנדיקן בינע־פארטראג. דא שפילט זי א צוויי סעזאנען אין דער יידישער אפערעטע און גאסטראלירט דערנאך אין ענגלישן וואדעוויל. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה טרעט לילית אריין פריוויליק אין דער אמעריקאנער ארמיי און ציט זיך דערנאך צוריק פון דער בינע.

ווארשעווער זענען אויך: מארק לייפציקער, שוישפילער, רעזשיסער און בכלל טעאטראל; אוועק אין סאוועטן־פארבאנד, ווו ער איז געווען א מיטגרינדער פונעם „מענדעלע־מוזיי" און א מיטארבעטער אין דער יידישער אפטיילונג פון דער „אל־אוקראינישער סאוועטישער ענציקלאפעדיע"; לוסי גערמאן א טאלאנטירטע שוישפילערין, יארן לאנג פארבונדן מיטן ניו־יארקער יידישן קונסט־טעאטער און שפעטער אן אנערקענטע מעלאדראמע־סטארין; אנדזשא פאדערמאן, אומגעקומען בעת דער היטלער־בהלה; די ברידער אדאלף און הערמאן בערמאן, יעקב און אסתר פערלמאן, פאול ברייטמאן, משה זילבערקאסטן, הענרי טארלא, אקטיאר, פילם־שוישפילער און רעזשיסער, די ברידער עמנואל און יוסף טשיזשיק און זייער שוועסטער לאה (קינדער פון בונעם בדחן), מארים לאמפע, אברהם לאקס, ברוך לומעט, יצחק ליפינסקי, יעקב מאנדעלבליט, לעאן מאנדעלטארט, סעם פאגעלנעסט, יעקב פרנס, מרדכי פעלץ, רובין פערקאוו, ה. פאול, משה פערענסאן, יעקב פיעקארניק, משה פאלאקעוויטש. אין פרט פון יידיש טעאטער איז לאדזש געווען די שוועסטער־שטאט פון ווארשע. אחוץ וואס אין לאדזש האט שטענדיק געשפילט א סטאביל יידיש טעאטער (און אפט מער ווי איינס), פלעגן אהין אויך אריבערקומען גאסטראלירן ווארשעווער יידישע שוישפילער, און א סך שוישפילער פון לאדזש האבן געשפילט אין ווארשע.

איינער פון די עלטסטע און פיינסטע כאראקטער־שוישפילער איז געווען סאמועל טארנבערג (געבוירן אין לאדזש, 1872, געשטארבן אין ניו־יארק 1911). יונג געקומען קיין אמעריקע, איז ער קודם א „הויזסופלער" און ראלן־איבערשרייבער ביי יעקב פ. אדלער, אבער א דאנק יעקב גארדין און דעם אקטיאר מארים מאשקאוויטש הייבט ער אן שפילן ראלן און ווערט באלד בארימט ווי איינער פון די בעסטע גארדין־שפילער. שפעטער האט ער געשפילט א קורצע צייט אויף דער ענגלישער בינע. ער האט אויך געשריבן דערציילונגען און איבערגעזעצט אייניקע פיעסעס.

א גרויסע ראלע ביים יידישן טעאטער אין לאדזש האט געשפילט דער כאראקטער־קאמיקער און דירעקטאר פון לאדזשער גרויסן טעאטער יצחק זאנדבערג (געב' אין לאדזש 1871; געש' אין אטוואצק 1915). ער פלעגט אנגאזשירן פאר זיין טרופע די אנגעזעענסטע שוישפילער (צווישן אנדערע אסתר־רחל קאמינסקי) ביי אים פלעגן אויך גאסטראלירן די בעסטע אקטיארישע כוחות פון אמעריקע (דוויד קעסלער, מארים מאשקאוויטש, בארים טאמאשעווסקי א"א). א באזונדער ארט ביים בעסערן יידישן טעאטער האט פארנומען דער שוישפילער און רעזשיסער וואלף זילבערבערג (1885—?). א מיטגרינדער פון דער פרץ הירשביין־טרופע, פון „אונדזער ווינקל" (אין קראקאוו) און פון ערשטן יידישן ארטיסטן־פאראיין, האט ער געשפילט באדייטנדיקע ראלן אין לאדזשער גרויסן טעאטער, אין „וויקט" און אין דער „ווילנער טרופע", און אויך געפילמט דעם רב אין ה. סעקלערס „יזכור" (מיטן ניו־יארקער יידישן קונסט־טעאטער אין ווין). ער האט אויך איבערזעצט א גרעסערע צאל פיעסעס.

צו דער זעלבער קאטעגאריע שוישפילער האט געהערט דער קדוש שימחה נאטאן (געב' אין לאדזש, 1892), וועלכער האט געשפילט אין לאדזשער „פוילישעם טעאטער", מיט דער „פרייע יידישע פאלקסבינע" אין ווין און אין דער „ווילנער טרופע". אן איינגנארטיקע קאריערע האט דורכגעמאכט דער לאדזשער יוסף גרינבערג. געגרייט זיך ווי א שוישפילער פארן דייטשן טעאטער, טרעט ער אריין אין בערלין אין דער „ווילנער טרופע", מיט וועלכער ער קומט קיין אמעריקע. דא שפילט ער אין „אונדזער טעאטער" און מיט רודאלף שילדקרויט, דערנאך אין ניו־יארקער קונסט־טעאטער, און ווידמעט זיך שפעטער, אונטערן נאמען יוסף גרין, דעם יידישן פילם. ער איז איצט דער בעל־הבית פון צוויי פילם־טעאטערס, ווו עס ווערט אויך געשפילט יידישער וואדעוויל. אין 46-1947 איז ער אויך געווען מענעדזשער פון „דאס נייע יידישע פאלקס־טעאטער" (מיט יעקב בן־עמי, בערטא גערסטין א"א).

גאנץ באדייטנדיקע שוישפילער זענען אין זייער צייט געווען דוויד פאכלער (1879-1929), לוים בירנבוים, משה־דוויד וואקסמאן (געשפילט אויך, אין 1913, אין ארגענטינע) און זיינע שוועסטער אסתר און פעני (בלומענטאל), מאקס ברין, מענדל און רבקה פלאורנער, משה פאסטאר, יוליוס פראנד — אלע פון לאדזש. אויפן געביט פון אפערעטע האבן זיך באזונדער אויסגעצייכנט די לאדזשער עני לובין, מאטילדע סאן־קלעיר, גוירטי בולמאן, פנחס לעוואנדא, הערמאן, לאשא און היימאן יאקובאוויטש. לאדזשער זענען אויך ישראל ביאלקאוויטש, צלבה און רעגינע לובארטאווסקא, אנא בוים, הערש גערשאנאוויטש, סעם גערשטנזאנג, דוויד זיידמאן, הערש יעדוואב און א סך אנדערע.

מיט דעם איז נאך ווייט נישט אויסגעשעפט דער גאנצער צעטל יידישע שוישפילער, וועלכע שטאמען פון ווארשע און סביבה, אדער וועלכע האבן מייסטנס דארט געשפילט. האט דאך ווארשע אליין, נאך אין אנהייב פון די דרייסיקער יארן, פארמאגט 6 יידישע טעאטערס (לאדזש — 2 ביז 3), און צווישן די ארום 400 יידישע שוישפילער אין פוילן זענען זיבער נאך צענדליקער געווען פון ווארשע.

יצחק גרודבערג-טורקאָוו (וראָצלאַוו — פוילן)

# די מאַמע אסתר־רחל

.1

„די ליטעראַרישע טרופּע" אין "עליזעום" האָט זיך אין אַ קורצער צײַט אויסגעאַרבעט די מאַרקע פון אַ גוט, קינסטלעריש טעאַטער. אפילו אין די ליטעראַרישע קרײַזן, צווישן די שרײַבער און זשורנאַליסטן, וווּ מען האָט די ערשטע צײַט חוזק געמאַכט פון דעם אומגעלומפּערטן נאָמען פון דער טרופּע. האָט מען גיך געבי־טן די באַציִונג. יעדע פּרעמיערע האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אינ־טערעס און יעדע פאָרשטעלונג איז טאַקע געווען ערנסט און גע־וויסנהאַפט צוגעגרייט. עס איז אין גאַנצן אויסגערוימט געוואָרן פון טעאַטער די האָפּקע און דער באַלאַגאַן.

אַן אַקטיאָר פון דער „ליטעראַרישער טרופּע" איז געוואָרן אַ חשובער אַקטיאָר. בלויז דער פאַקט, אַז ער האָט געשפּילט אין „עליזעום", האָט שוין באַדײַט, אַז דאָס איז אַ גוטער, ערנסטער אַקטיאָר. זײַן נאָמען האָט זיך גלײַך געבונדן מיט אסתר־רחלס נאָ־מען, ווײַל דער עולם האָט נישט אָנערקענט די אָפיציעלע פירמע פון טעאַטער. פאַר אים איז עס געווען „קאַמינסקיס" טעאַטער. דער עולם האָט דערזען אין דער קאַמינסקי די נשמה פון טעאַטער, די צענטראַלע פּערזענלעכקייט.

אַקטיאָרן האָבן אָנגעהויבן שלום־צו־מאַכן דערמיט. מען האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו אסתר־רחלס אַ וואָרט, אַ באַמער־קונג, און אַלץ אָפטער זיך איבערצײַגט, ווי ריכטיק, ווי טרעפלעך עס זענען אירע באַמערקונגען.

— ווי קאָנט איר פילן דעם פּאַרטנער, אַז איר זעט נישט זײַנע אויגן אויף דער בינע? — האָט אסתר־רחל כסדר אונטערגעשטראָכן. — מען קאָן נישט גוט שפּילן, נישט אינטערעסירנדיק זיך דערמיט, וואָס עס טוט דער פּאַרטנער.

די דאָזיקע באַמערקונגען האָבן געצוווּנגען די אַקטיאָרן זיך צו פאַרטראַכטן.

— דער גרויסער אַקטיאָר איז נישט בכוח צו מאַכן אַ גוטע פאָרשטעלונג, אויב עס וועלן זיך אַרום אים דרייען באַהעלפערס, — פלעגט אסתר־רחל שמועסן מיט די חברים אירע, — בלויז גרויסע אַקטיאָרן וועלן נישט אָפּשפּילן קיין גוטע פאָרשטעלונג, אויב זיי וועלן זיך נישט צוזאַמענשפּילן, נישט רעדן אויף איין שפּראַך אַז יעדער שפּילט פאַר זיך איז נישטאָ קיין אמת אויף דער בינע און אָן אמת קאָן נישט זײַן קיין גוטע פאָרשטעלונג.

אסתר־רחלס געדאַנקען און ווערטלעך וועגן טעאַטער האָבן אָנגעהויבן קורסירן צווישן די אַקטיאָרן, ווי כללים פון זייער קונסט. זי האָט קיינעם נישט אויפגעצוווּנגען אירע מיינונגען, נאָר מיט בײַ־שפּילן איבערצײַגט אין זייער ריכטיקייט. אַזוי אַרום איז אין דער „ליטעראַדישער טרופּע" אויסגעוואַקסן אַ נוסח פון רעדן, פון שפּילן, פון באַוועגן זיך אויף דער בינע. מען האָט נישט קאָפּירט אסתר־רחלען — דערצו זענען געווען צו רײַפע אַקטיאָרן, אייניקע אפילו פון זיי — שטאַרקע און בולטע אינדיווידואַליטעטן. מען האָט זיך אָבער אַרײַנגעפילט אין דעם אמת פון אירע רייד, פון איר שפּילן, פון איר באַציִונג צו דער בינע, צו דער ראָלע פון טעאַטער און אַקטיאָר.

אַ שליח־ציבור מוזטו זײַן, קינד מײַנס, — האָט זי געלערנט אַ יונגן אַקטיאָר, באַנוצנדיק איר טאַטנס באַליבטע ווערטער.

די אַקטיאָרן האָבן טאַקע אָנגעהויבן צו פילן די וויכטיקייט פון אסתר־רחלס גלויבן, אַז אַן אַקטיאָר איז אַ שליח־ציבור, אַ פאָר־שטייער און דערציִער פון עולם. דאָס האָט געהאָלפן צו דער שאַ־פונג פון אייניהייטלעכן טאָן אין טעאַטער, פון דעם „קאַמינסקי־נוסח", ווי מבינים האָבן עס גערופן און האָט זיך עמעצער געפּרוּווט אַרויסרײַסן פון דעם נוסח, האָט ער געווירקט ווי אַ גרילץ.

דער כוח פון אסתר־רחלס נוסח איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט צוגעגעבן אַן אַנדער אויסזען אפילו די פּיעסעס וואָס האָבן זיך ווײַט נישט אַרײַנגעפּאַסט אין די ראַמען פון „ליטעראַרישן" רעפּערטואַר. אסתר־רחל האָט באַוויזן צו פאַרמענטשלעכן מיט איר „גיטעלע" אין ליבינס „צעבראָכענע הערצער" אָפּשוואַכן די מעלאָדראַ־מאַטישע טענער פון דער גאַנצער פאָרשטעלונג. מיט איר „פאַניע" האָט גאָרדינס „אמתע קראַפט" באַקומען אַן אַנדער פּנים, טראָץ דעם, וואָס ראַפּעל האָט זיין „ר"ר גאָלדווײַזער" געשפּילט לויטן שניט, וואָס יוליוס אַדלער האָט געבראַנגט פון אַמעריקע. אָבער באַוויזן זיך אין איר אַקטיאָרישער גרויסקייט האָט זי ווידער אַלס „בערטאַ" אין גאָרדינס „אומבאַקאַנטער".

ס'איז וואָס אַן אמת, שוין נישט געווען קיין נײַע פּיעסע און נישט קיין נײַע ראָלע פאַר איר. זי האָט נאָך געשפּילט די פּיעסע מיט יוליוס אַדלערן. אָבער אין משך פון די פּאָר חדשים האָט זי די פּיעסע אין זיך, ווי זי האָט עס שוין אַ מאָל געהאַט געטאָן מיט „מירעלע אפרת", און כאָטש געשפּילט האָבן כמעט די זעלבע אַק־טיאָרן, אחוץ די אַדלערס, אויף וועמענס אָרט עס זענען איצט גע־ווען די ראַפּעלס, און אַברהם־יצחקן, וועמענס ראָלע ס'האָט איצט געשפּילט לאַנדוי — האָט זי באַקומען גאָר אַ נײַע פאָרשטעלונג. אסתר־רחל האָט געפונען די שפּראַך פון דער פּיעסע אויסערן טעקסט. זי האָט אַלץ דרײַסטער אָנגעהויבן אַרויסצוּוואַרפן זאַצן פון גאָרדינען, רעדוצירן זײַן נאַיִווע פילאָסאָפיע, אָפּטעמפּן די מעַ־לאָדראַמאַטישע פאַרשפּיצטקייטן פון טעקסט און פון דער האַנד־

לונג. זי איז דערגאנגען דעם גרויסן סוד פון קאנען שווייגן אויף דער בינע. קאנען רעדן דורך שווייגן, דורך א בליץ פון די אויגן, א צוק פון א ברעם, א ציטער פון די ליפן, א באוועגונג פון דער האנט, א דריי פון קערפער. זי האט די מיטלען נישט אויסגענוצט אין דער פארם פון טעכנישע קונצן — זי האט דורך זיי ארויסבאקומען דעם אויסדרוק פון טיפסטער איבערלעבונג פון אינערלעכן אמת. זי האט אלעמען געלערנט:

— איר מוזט אויפריכטיק גלייבן אין דעם, וואס איר טוט און רעדט אויף דער בינע!

האט זי נישט געקאנט בשום אופן גלייבן אין מחברם ווערטער, זענען די ווערטער ארויסגעווארפן געווארן און אויף זייער ארט איז געקומען די שפראך פון די אויגן. יעדעס ווארט, וואס זי האט געזאגט אויף דער בינע, האט געמוזט האבן א זין און וואג. ס'איז ארויסגעברענגט געווארן אין געדעמפטע טענער, מיט האלבטענער. און האט אסתר־רחל א מאל א געשריי געטאן אויף דער בינע, איז שוין א שוידער אדורך דעם זאל.



אסתר רחל קאמינסקי
אין די לעצטע יארן פון איר לעבן

נאך יעדער גוטער פארשטעלונג האט אסתר־רחל געשטראלט. פון יענער זייט פארהאנג האבן זיך נאך געהערט אפלאדיסמענטן, נאר זי האט שוין געקושט אידאלען, וואס האט געשפילט אין דער פיעסע, געדריקט די הענט פון די אקטיארן:

— איך דאנק אייך אלע... מיר האבן היינט געגעבן א גוטע, ערלעכע פארשטעלונג... א דאנק, קינדער!

צום געזונט, מאמע! — האבן אקטיארן צופרידן געענטפערט.

דער נאמען „מאמע" איז אלץ מער געווארן צוגעוואקסן צו איר. שוין נישט בלויז אלטע חברים — אלע ארום האבן זי אזוי גערופן. מען האט שוין נישט געהערט „מאדאם קאמינסקי", „אסתר־רחל", „דירעקטארשע"... דער נאמען „מאמע" האט זיך אפילו פונאנדערגעטראגן צווישן עולם.

— אט איז די מאמע! — האבן שמייכלענדיקע אנגעוויזן אויף איר פארבייגייענדיקע טעאטער־גייער, ווען מען האט זי דערזען.

און ווען ס'איז א מאל געפאלן די פראגע פון א נישט־אריענטירטן:

— וועלכע מאמע?

האבן א סך פארוואונדערטע בליקן באקוקט דעם פרעגנדיקן:

— נו, די מאמע... אסתר־רחל קאמינסקי.

## .2

אסתר־רחל איז דער נאמען מאמע זייער ליב געווען. זי האט אפילו צו אקטיארן, עלטערע פון איר, געהאט א מאמיש געפיל. אבער זיין א מאמע, האט זי געוווסט, איז נישט נאר א פארגעניגן, ס'איז א גרויסע אחריות. די אחריות פאר זיך און פאר אנדערע.

צייט האט זי געהאט ווייניק. יעדן אוונט האט זי געמוזט שפילן. איצט האט זי געוואלט שפילן אויך. מיט יעדער פארשטעלונג האט זי פארפעסטיקט דאס, וואס זי האט שוין געהאט געפונען אין דער געשטאלט, אדער זי האט געפונען א נייעם שטריך, א נייעם מאמענט. עס האט זי נאר פארדראסן, וואס זי האט איצט אזוי זעלטן די געלעגנהייט צו גיין אין פוילישן טעאטער, וועלכן זי האט שטארק ליב געהאט צוליב זיינע גרויסע אקטיארן און צוליב דעם פיינעם טאן פון די פארשטעלונגען. איצט האט זי כמעט נישט געהאט קיין צייט זיך צו פארנעמען מיט די קינדער. רעגינעלע איז שוין א גאנצע פריילין, גייט אין פענסיאן, איז זי נישט אזוי להוט אויף דער מאמעס צערטלערייען; אידאלע איז כמעט כסדר מיט איר. זי שפילט אין דער מערהייט פיעסעס, רעכנט זיך ממש פאר א מיטגליד אין דער טרופע. זי האט א דערפאלג, וועלכן ס'איז איר מקנא נישט איין אקטיאר מיט א נאמען... אבער דאס קליינע יאסעלע, וואס לויפט ארום ווי א קאראפוזיק איבער די צימערן — ווי קאן מען זיך אפזאגן פון א שפיל־טאן מיט אים, א פריי־טאן זיך מיט זיינם א חכמהלע?

און נאך פון איין זאך האט זיך אסתר־רחל נישט געקאנט אפזאגן: פון לייענען. מיט פויליש איז איר נאך אלץ שווער געווען, האט זי געשלונגען רוסישע און יידישע ביכער, ביז שפעט אין דער נאכט געלעגן מיטן ביכל.

זי איז פון די ביכער געוווּיר געווארן דאס, וואס זי האט נישט באקומען אין שולן. די ביכער האבן ביי איר ארויסגערופן נייע געדאנקען, אויפגעדעקט נייע שטריכן פון מענטשן, נייע זייטן פון לעבן. זיי האבן נישט איין מאל זי אנגערעגט ארייַנצוברענגען א נייעם טאן אין א ראלע, א נייעם שטריך אין א געשטאלט, ארויסגערופן ביי איר דעם חשק צו שאפן נייע געשטאלטן.

א מאל האט זי נאך געבלאנדזשעט. מארק ארנשטיין האט זיך באמיט זי איבערצייגן, אז זי געפינט זיך אויפן וועג צום מאדערנעם טעאטער, וועלכן ארנשטיין האט געזען אין די ווערק פון פשיבישעווסקין, פון סטרינדבערגן, אין זיינע אייגענע ווערק.

— איר פארשטייט: די קונסט דארף רעדן דורך וויזיעס, דורך סימבאלן. איר דערהייבט זיך צו סימבאלן. איר האט אבער נישט קיין אייביקייטס־שטאף. די פיעסן טויגן נישט... אט וועט איר זען, ווי איר וועט אויפשיינען אין מיין „ווילנער בעל־הביתל".

נאר זי האט זיך עפעס נישט געקאנט צונויפרעדן מיט ארנשטיינען, אזוי ווי בעת זייער ערשטער צוזאמענארבעט מיט א פאר יאר צוריק. ארנשטיין האט פון איר פארלאנגט זי זאל שפילן, כדי צו דעקן די אמתע געפילן:

— „יאָ" דאַרף אויסדריקן „ניין"... דער אמת איז נישט אין ערדישן, נאָר אין איבערערדישן... בכלל איז נישט וויכטיק דער אמת, נאָר דער רוף פון בלוט.

ביַי אסתּר־רחלען איז פון אַזעלכע געדאַנקען געוואָרן אַ מישמאַש אין קאָפּ. און ביַי אַרנשטיינען פּלעגן זיך געדאַנקען ביַיטן מיט דער שטימונג:

— קונסט דאַרף געבן עטערישקייט פון דער נאַקעטער נשמה און גליַיכציַיטיק אַ פיזישן גענוס, קונסט הייסט געניסן... און גענוס איז דער זין פון לעבן...

אַז עס איז אַ מאָדע אויף אַזעלכע געדאַנקען, האָט אסתּר־רחל געוווּסט. זי האָט עס געפּילט פון אַנדרייעווס זאַכן, בעיקר פון אַרציבאַשעווס. אָבער צו איר האָט די מאָדע נישט גערעדט.

— אַרנשטיין קומט דאָך פון דער גרויסער וועלט, פון פּוילישן טעאַטער. ווייסט ער דאָך מסתּמא בעסער... לאָמיר פּרוּוון... — האָט איר אַבֿרהם־יצחק איַינגערעדט.

אסתּר־רחל איז געווען זיכער, אַז אין „ווילנער בעל־הבית" בלאָנדזשעט זי. דעריבער האָט זי געשטוינט ווען פּרץ האָט איר געמאַכט קאָמפּלימענטן:

— איַיער לאה איז גוט! דאָס הייסט... איר האָט געשפּילט אויסגעצייכנט.

— זיַיט אויפריכטיק, פּאַניע פּרץ, איר מיינט עס טאַקע? וויַיל איך בין מיט זיך צופרידן . . .

ניין, איך מיין עס אויפריכטיק, איר האָט געשפּילט אויסגעצייכנט... אָ, איר זענט איבערגעטריבן אין דער ראָלע? ווי קאָן דען זיַין אַנדערש? ס'איז זיך זייער שווער צו האַלטן אין אַ ראָלע וואָס איז רעאַליסטיש־סימבאָליסטיש־דעקאַדענטיש... עס שלאָגן זיך דאָ אַלערליַי ליטעראַרישע פאָרמען... מאַסנהאַפט ווילד־פרעמדע מאָטיוון... דאָס זענט איר שוין נישט בכוח צו ראַטעווען... אָבער איר שפּילט מיַיסטערהאַפט!

די שמועסן מיט פּרצן זענען פאַר אסתּר־רחלען נאָך אַלץ געווען יום־טובֿדיקע מינוטן. זי האָט אויפגעכאַפּט זיַינע בליץ־געדאַנקען וועגן טעאַטער, געזוכט צו פאַרגליַיכן איר טעאַטער־ווירקלעכקייט מיט פּרצס טרוים וועגן טעאַטער. פּרץ איז מיט איר געווען אויפריכטיק:

— גאַנץ צופרידן קאָן מען נאָך מיטן ייִדישן טעאַטער נישט זיַין. אַ טעאַטער איז אַ בית־המיקדש, וווּ קיין פעלערהאַפטע זאַך, קיין בעל־מום, טאָר נישט אַריַינקומען. און אין ייִדישן טעאַטער איז נאָך דאָ אַ סך בעלי־מומים.

אסתּר־רחל האָט טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נעמט עס זיך נישט צום האַרצן! — האָט זי פּרץ באַרויִקט. — זעענדיק דעם פאָרשריט, וואָס דאָס ייִדישע טעאַטער האָט געמאַכט אין לעצטן יאָר, קאָן מען האָפן, אַז מיט דער ציַיט וועט זיך דאָס טעאַטער אַנטוויקלען ביז צו דער העכסטער מדרגה.

און קושנדיק אסתּר־רחלס האַנט האָט ער צוגעגעבן:

— צו איַיער מדרגה, מאַדאַם קאַמינסקי, צו דער הויכער מדרגה פון איַיער קונסט.

פּרצס ווערטער האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט אין איר דאָס אחריות־געפיל פאַרן טעאַטער, פאַר דער „ליטעראַרישער טרופּע", פאַר איר טעאַטער.

— ווי אַזוי קאָן נישט זיַין קיין בעל־מום, — האָט זי געטראַכט, — אַז איינער פון די יסודות, אויף וועלכע עס שטיצט זיך אַ טעאַטער, דער רעפּערטואַר, איז איין גרויסער מום? גאָרדין איז דאָך שוין דאָס בעסטע. מיר מוזן נאָך אָנקומען צו ליבינען, צו זיַינע פאַרשידענע „אומגליקלעכע מוטערס", „געבראָכענע הערצער" און „שרעקלעכע נקמות". וואָס זאָל מען טאָן? מיט וואָס זאָלן מיר אָנפילן די רעפּערטואַר בלויזן?

זי האָט זיך באַמיט צו רייניקן די מעלאָדראַמעס. אָנשטאָט ביליקן שאַרזש האָט זי געזוכט צו געבן דינע איראָניע, אָדער שאַרפן סאַרקאַזם; אָנשטאָט האַרצריַיסנדיקן געוויין — קוים אַ שטיל כליפּען. אָבער דאָס, וואָס איז פון גרונט אויס פאַלש געווען, איז זי נישט בכוח געווען צו מאַכן אמתדיק.

אסתּר־רחל האָט געפילט, אַז אויב מען זאָל וויַיטער אַזוי ציִען, וועט עס זיי סוף־כּל־סוף אַראָפּשלעפּן פון דער מדרגה, וועלכע זיי האָבן מיט אַזוי פיל מי און האַרצווייטאָק דערגרייַכט די לעצטע יאָרן. האָט מען זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דער היימישער וואַרעמקייט, פון די באַקוועמלעכקייטן פון „עליזעום", פון זיצן אויף איין אָרט, און לאָזן זיך אויף סניַי אין וואַנדערונג. נאָר דאָס מאָל שוין נישט מיטן דלות פון די אַמאָליקע וואַנדערונגען, נאָר אַלס באַריִמטע „ליטעראַרישע טרופּע" מיטן שטערן פון ייִדישן טעאַטער, אסתּר־רחל קאַמינסקי בראש.

## .3

אין די שטעט פון פּוילן איז שוין פאָרויסגעגאַנגען דער גוטער נאָמען פון דער „ליטעראַרישער טרופּע" און אסתּר־רחלס רום. האָבן אויף די וואָקזאַלן אין די שטעט פון טורניי אָפּגעוואַרט דעלעגאַציעס מיט בלומען און באַגריסונגען. געשפּילט האָט מען אין די בעסטע טעאַטער־זאַלן און די פאָרשטעלונגען זענען אומעטום געווען אויספאַרקויפט פון פאָרויס, אין די קלענערע שטעט פלעגט שוין קומען אין טעאַטער אַריַין כמעט די גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ, וואָס איז געווען אַזאַ זעלטנקייט אין וואַרשע. דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן האָבן געזוכט זיך צו דערנעענטערן צו די אַקטיאָרן, פאַרברענגען מיט זיי ביַי אַ גלעזל טיי, שמועסן וועגן קונסט־פּראָבלעמען. אַקטיאָרן האָבן כּסדר געהערט וועגן זיך, אַז זיי זענען קינסטלער און זיי האָבן שוין איצט געגלייבט אין דעם. דאָס האָט צוגעגעבן חשיבֿות זייער האַלטונג, זייערע אַרויסזאָגונגען. עס האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן ביַי זיי דער טאָן פון ציגיַינערישן הפקר.

אַלע בליקן זענען שטענדיק געווען געווענדט צו אסתּר־רחלען, אַלע אויערן אָנגעשפּיצט אין איר ריכטונג, נאָר זי האָט זיך זעלטן אָנגערופן מיט אַ וואָרט און באַמיט זיך צו זיַין אין שאָטן. האָט זי זיך אָבער שוין יאָ אַריַינגעמישט אין אַ שמועס, אַ דיסקוסיע, איז איר וואָרט געווען באַדאַכט און האָט געצווּנגען זיך צו פאַרטראַכטן.

— ווי פּשוט די קאַמינסקי איז — האָבן זיך געחידושט ניַיע באַקאַנטע.

— אַזאַ איז זי שוין, אונדזער מאַמע, — האָבן די אַקטיאָרן געענטפערט.

פון שטאָט צו שטאָט זענען צוגעקומען טויזנטער ניַיע ליבנ־

דיקע „קינדער" פון דער „מאַמען פון ייִדישן טעאַטער". און אַט קומט מען ווידער קיין לאָדזש, מיט וועלכער מען האָט זיך געזעגנט מיט קנאַפּע צוויי יאָר צוריק.

נישט קיין לײַכטער ביסן איז איצט געווען לאָדזש. יוליוס אַדלער איז פון וואַרשע געפאָרן אַהין און אָפּגעשפּילט אַלע פּיעסעס וואָס ער האָט געבראַכט פון אַמעריקע. כמעט אַלע ראָלעס אסתּר־רחלס האָט אָפּגעשפּילט עמיליאַ אַדלער.

דער לאָדזשער עולם האָט אָבער באַשאָנקען אסתּר־רחלען מיט קרעדיט נאָך צוליב אירע פריִקע גאַסטשפּילן. און איצט האָט ער געזען, אַז מיט רעכט: „מירעלע אפרת" האָט אויפגערודערט לאָדזש, נישט ווייניקער ווי וואַרשע. די „שחיטה" האָט דער עולם אויפגענומען ווי אַ נײַע פּיעסע צוליב אסתּר־רחלס „אסתּרקע". „דער אומבאַקאַנטער" האָט אויפגעטרייסלט דעם עולם. „סאַפאָ" האָט אַרויסגערופן הייסע דיסקוסיעס.

די טעמע פון שמועסן אין דער שטאָט זענען געווען די גאַסטשפּילן פון דער „ליטעראַרישער טרופּע" און „די מאַמע". אין דעם שרעקלעכן מענטשן־געדרענג אויף פּיאָטרקאָווער־גאַס, ווען די גאַנצע גאַס האָט אויסגעזען ווי איין שוואַרצע מאַסע, וואָס האָט זיך לײַכט געכוואַליעט אין אַלע ריכטונגען, האָט איר אין טומל געקאָנט הערן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם. לאַנגע שמועסן האָט מען געפירט אין קאַוויאַרניעס, מילך־האַליעס, רעסטאָראַנען. דורכגעוואָרפן האָט מען זיך מיט אײַנדרוקן אין די וואַרשטאַטן און בײַ די וועבשטולן אויף באַלוט.

אין אַ באַלוטער הילצערן הײַזל האָט אַ יונגע פרוי מיט פרייד דערציילט איר מאַן, אַ טויטמידער פון דער אַרבעט:



— איך האָב שוין בילעטן אויף שבת אויף „קרײַצער סאָנאַטע"... קוים געקריגן...

— איז גוט, גוט... אָבער איצט גיב מיר עפּעס צו עסן, אַז נישט וועל איך נישט דערלעבן ביז שבת... — האָט דער מאַן געענטפערט מיט אַ געלעכטער.

די פרוי האָט זיך פלינק אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט און באַלד איז געשטאַנען דאָס באַשיידענע מאָלצײַט אויף דעם ווײַסן, געלאַטעטן טישטוך. ער האָט אײַליק געשלונגען דעם אָונטערברויט און זי איז געזעסן פאַרקוקט פאַר זיך, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט. אַ דין שמייכעלע האָט געבלאָנדזשעט אויף אירע ליפּן:

— כ'האָב געוווּסט, אַז זי וועט האַלטן וואָרט, די קאַמינסקי. זי איז ווידער צו אונדז געקומען... נאָך שענער און גרעסער ווי פריִער.

דער מאַן האָט מיט אַ פול מויל צוגעבאָמקעט:

— הממם!...

— ווי מיינסטו, חיים, — האָט זי אויפגעוואַכט, — איז דאָ נאָך אַזאַ גרויסע קינסטלערין, ווי אסתּר־רחל קאַמינסקי?

ער האָט זיך ערנסט פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט אין די געדאַנקען געוווֹיגן און געמאָסטן:

— ניין, ס'איז נישטאָ!

— אויף דער גאַנצער וועלט?

— פאַר אונדז איז זי די גרעסטע אויף דער גאַנצער וועלט. ווײַל זי איז אונדזערע.

— יאָ, אונדזערע, — האָט זי געענטפערט ווי אַ ווידערקול.



שלום אַש

# „אַ שטורעם אויף דער גמינע"

(אַ קאַפּיטל פונעם בוך „וואַרשע")

מ'ווייסט נישט ווער עס האָט פאַרשפּרייט דעם קלאַנג אין די קאַלטע היימען, אַז מ'גייט צו דער גמינע פאָדערן קוילן. אַלע זענען געקומען צו דעם געדאַנק פשוט דערפאַר, ווײַל דאָס איז געווען דער איינציקער אַדרעס ווו די אָרעמקייט אין וואַרשע ווייסט זיך צו ווענדן אין אַ שעה פון נויט. ווען רחל־לאה איז מיט די שכנים פון איר הויף אָנגעקומען צו דער ייִדישער גמינע אויף גזשיבאָווסקע, האָט זי שוין דאָרטן אָנגעטראָפן מחנות אַרבעטסלאָזע בעלי־מלאכות פון אַלע טיילן שטאָט. דאָס גאַנצע „פאַבריקל" פון בערל „פאַבריקאַנט" איז דאָ געווען. מען איז געקומען אויך פון אַנדערע ווערקשטעלן. מ'האָט געשטורעמט די טירן פון דער גמינע. די צוויי דינער מיטן איינציקן סטראַזשניק, וואָס זענען דאָרטן געשטאַנען ווי די נאַראָנים כדי צו באַשיצן די שטאַרקע טיר פון דער פאַרמאַכטער קהילה, האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן קעגן דער מאַסע מענטשן, וואָס האָבן זיך מיט זייערע געפרוווירענע לײַבער צוזאַמענגעקוועטשט אין איין טייג און זיך געדרוקט צו דער טיר. ענדלעך האָבן די טירהיטערס אָפּגעטראָטן מיט אַ מאַך מיט דער האַנט. און די אָרעמקייט האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אינעם גרויסן גערוימלעכן זאַל פון דער קהילה. אַלע טירלעך פון די פענצטער פון די באַאַמטע זענען פאַר אימה געווען צוגעקלאַפּט. אַלע טירן וואָס האָבן געפירט צו דער דאָזאָרשטוב, — פאַרמאַכט.

דער עולם האָט געמיינט, אַז ער דאַרף זיך נאָר אַרײַנרײַסן אינעם זאַל פון דער גמינע, וועט ער שוין געהאָלפן ווערן. זיי זענען שוין דערינען, וואַרפן זיך צו די פאַרמאַכטע פענצטערלעך, רײַסן זיך עפּעס צו אַ פאַרמאַכטער טיר, שטייען פאַר פיר נאַקעטע ווענט און ווייסן נישט וואָס צו טאָן: אַ געפילדער, אַ גערויש, אַן אויסגעמישעכטס, אַ פאַרשלינגעכטס פון רייד און געשרײַען. די מידע מוטערס, מיט די קינדער אויף די הענט, וואַרפן זיך אויף די לאַנגע בענק; אַנדערע, ווידער, מיט פאַרפרוירענע פיס פון לאַנג שטיין אין דער קאַלטער גאַס, וואַרפן זיך אויף דער ערד. דערכאַפּן דעם אָטעם מיט די ערשטע הויכן פון וואַרעמקייט וואָס שלאָגט פון גוט־אונטערגעהייצטע אויוונס. מ'שטופּט זיך צו די וואַרעמע אויוונס, אַזוי ווי צו אַ זון. אָבער קיינער ווייסט נישט וואָס צו טאָן, צו וועמען זיך צו ווענדן, מיט וועמען צו ריידן.

פון דער מאַסע אָנגעפּראַפּטע לײַבער רוקט זיך אַרויס רחל־לאה. מען לאָזט זי; מען טרעט איר אָפּ דעם וועג. טייל קענען זי; בײַ טייל רופט זי אַרויס רעספּעקט דורך דעם, וואָס זי גייט פאַרהעלטענישמעסיק בעסער אָנגעטאָן ווי די אַנדערע; אין אַ שוואַרצן זשאַקעט מיט עפּעס אַ פוטערנעם קאָלנער, נישט אין קיין טוך איבערן קאָפּ, ווי אַלע ווײַבער, נאָר אין אַ מין קאַפּעלוש. מ'רופט זי פון אַזאַ זײַטן: „לאָזט צו די בעל־הביתטע, זי וועט שוין פועלן פאַר אונדז". „לאַנג לעבן זאָלט איר, בעל־הביתטעלע, וואָס איר נעמט זיך אָן פאַר אונדזערע „קשיוודעס". אדרבא, אדרבא, טוט עפּעס אויף פאַר די אָרעמע־לײַט. עס איז דאָך טאַקע סכנות־נפשות". זי האָט מיטגעשלעפּט בײַ די הענט אַ פּאָר קינדער פון דעם סוכאָטניטשן ווײַבל. אַרום איר זענען געווען אַ פּאָר שכנים פון איר הויף, וועלכע זענען מיטגעגאַנגען העלפן. קודם־כל העניך דער סטאָליער, חיים „פערד" האָט זיך אויך מיטגעשלעפּט. געהערט אַז מ'גייט צו דער גמינע נאָך קוילן, האָט ער געכאַפּט אַ דראָנג און איז מיטגעגאַנגען: „זאָל זיך נאָר מאַכן עפּעס טאָן". עס איז אויך מיטגעקומען מרדכי דער „הויקער", וואָס האָט ליב צו זײַן אומעטום, ווו עס איז נאָר אַזאַ שטיקל חתונה, דער „זשאָכליינער" איז נישט געגאַנגען. אין די לעצטע מינוטן האָט ער חרטה געקראָגן, דערשראָקן זיך, זעט אויס, פאַרן וואָרט „פילאַנטראָפּיע", וואָס דער גימנאַזיסט האָט אים צוגעוואָרפן. דערפאַר איז אויס ריינער סימפּאַטיע פון הויף מיטגעקומען וועלוול קעלבאַס. ער אַליין ברויכט עס נישט. פאַרקערט, אין די שווערע טעג האָט ער נישט איין מאָל מיט אַ ווורשט רחל־לאהן אַרויסגעהאָלפן. נאָר ער האָט אויך געוואָלט צולייגן אַ האַנט. ערשטנס, טראָגט ער שוין פון לאַנג אַ כעס אויף דער גמינע צוליב דעם וואָס מ'האָט אים שוין נישט איין מאָל געטרעפט די ווורשטן; און צווייטנס, האָט ער זיך לעצטנס געוואָלט אײַנשאַפן עולם־הבא און העלפן אָרעמע־לײַט, כאָטש נעכע, זײַן ייִדענע, האָט אים געוואָרנט: „וועלוול, רוק זיך נישט, ס'איז נישט דײַן עסק. זאָל גיין דער, וועמען עס באַדאַרף". וועלוול האָט איר נישט געהאָרכט, אָנגעטאָן זיך דאָס פעלצל, אַרויפגעצויגן אַ קאַשקעטל און גענומען אַ שפּיצרוט אין האַנט אַרײַן, וואָס איז געווען געמאַכט פון אַ פאַרטריקנטן אָקסנעק, אַזוי ווי ער וואָלט גרייט געווען אויף אַ מלחמה. רחל־לאה האָט אויך מיטגעשלעפּט מיט זיך זעליק בעקערן, וועלכן זי האָט צוגעכשופט מיט אַ ווונק און מיט אַ קלאַפּ אין פּלייצע: „זעליק, קום מיט, טאָמער וועט מען דיך דאַרפן". זעליק דער „קאַוואַליער" האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן אַ דאַמע, נאָך דערצו דער לערערקע, צו וועלכע ער האָט שוין פון לענגסט אַ שוואַכקייט. שטייען זיי אַלע, רחל־לאה אין מיטן פון אירע „קאַוואַליערן", צווישן דער מאַסע אַרבעטסלאָזע, אָרעמע־לײַט, און גלאַט נאָכלויפערס. עס איז זיך נישטאָ צו וועמען צו ווענדן, אַלע טירן פאַרמאַכט און פאַרקלאַפּט, און אַלע פענצטערלעך צוגעשלאָגן. רחל־לאה קלערט נישט לאַנג און הייבט אָן מיטביידע הענט צו קלאַפּן אין אַ פאַרמאַכטער טיר אַרײַן:

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. עס איז געווען ווי אַ צייכן.

די גאַנצע מאַסע האָט אַרויסגעריסן איין יללה־געשריי פון זיך: „קוילן!" עס איז געוואָרן אַ האַמעריַי מיט די הענט אין די ווענט און די פאַרמאַכטע פענצטערלעך, וועלכע די באַאַמטע האָבן פאַרקלאַפּט הינטער זיך פאַר אימה. אַ טופּעריַי מיט די פיס: „קוילן גיט! קוילן! מיר ווערן געפרוירן, קוילן!"

די געוואַלדן און די געשריַיען זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל העכער. דאָ און דאָרט האָט מען שוין אָנגעהויבן צו רײַסן בײַ די באַאַמטע פענצטערלעך. אַ ברייט־ביַיניקער ייִד, ווי אַ שטיק מויער, האָט זיך אַרויסגעשטופּט פונעם צונויפגעפּרעסטן עולם און געשריגן: „לאָזט מיר נאָר צו!" צוגעקומען צו דער פאַרמאַכטער טיר, בײַ וועלכער רחל־לאה איז געשטאַנען, און זיך געגעבן מיטן גאַנצן געוואָג פון זײַן קערפּער אַ וואַליע אַרויף אויף דער טיר. חיים „פערד" האָט געגעבן אַ קאָפּע מיט די פיס און וועלוול קעלבאַס האָט צוגעהאָלפן מיט אַ לאַפּע — און די טיר האָט נאָכגעגעבן.

פון דערינען, זעט זיך אויס, האָט מען זיך געריכט אויף נישט קיין גוטס. אַלץ איז פאַרשוווּנדן, ווי אויסגעשטאָרבן. נאָר איינער, אַ מוטיקער, האָט געוואַגט פאַר אַלעמען צו באַוויַיזן זיך אין דער אויפגעפּראַלטער טיר מיט אַ מינע: „אָט בין איך דאָ, און זעט — איך האָב נישט קיין מורא פאַר איַיך!" עס איז געווען אַ בכבודיקער ייִד, אין אַ שיינער געשניטענער קאַפּאָטע, פון וועלכער עס האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ פעט בײַכל און אַ ייִדיש קליין היטל, פון אונטער וועלכן מ'האָט גאָר צו ערשט אַרויסגעזען אַ לאַנגע, ברייטע, געלע באָרד.

ער האָט זיך נישט דערשראָקן. די רויטקייט פון זײַנע איבערגעלאָפענע, מיט גריוונס אויסגעפּאַשעטע באַקן, איז נישט פאַרשווונדן.

ער איז געשטאַנען אַ רויִקער, אַ קילער, אָנגענומען מיט זײַנע פעטע פינגער די שיינע געלע באָרד און געפרעגט גאַנץ געלאַסן:

— וואָס ווילט עטץ?

דער צודרינגלעכער עולם, וואָס האָט ערשט פאַר אַ מינוט פריִער געשטורעמט די טיר, האָט בײַם אָנבליק פונעם בכבודיקן דאָזאָר זיך אײַנגעשטילט און זיך אָפּגערוקט. אפילו דער ברייט־ביַיניקער און ברייטבאָרדיקער ייִד, וואָס האָט אַרויסגעזעצט די טיר, האָט זיך אויך דערשראָקן, און אָפּגעטראָטן אַ טריט. אפילו חיים „פערד" און וועלוול קעלבאַס.

רחל־לאה האָט אים געקוקט אין די אויגן אַרײַן און געענטפערט פאַרוווּנדערט:

— איר ווייסט נישט וואָס מיר ווילן? איר ווייסט גאָר נישט וואָס עס טוט זיך אין שטאָט?

— ווער זענט איר דאָס? — ווײַזט דער דאָזאָר מיטן פינגער אויף רחל־לאהן גלײַך אין פּנים אַרײַן. — אַ גבאיטע אַזעלכע? קיין אָרעמע זענט איר דאָך נישט. דאָס זעט מען דאָך אין איַיך.

— און אַז אַ גבאיטע, געפעלט איַיך נישט? — פרעגט זי אים.

— ניין, ניין. פאַרקערט, אדרבא, מיר געפעלט עס דווקא זייער. קומט אַרײַן אין דאָזאָרשטיבל, וועלן מיר זיך דורכרעדן בײַם טיש.

— פאַניע לעבן, האָט רחמנות אויף אונדז, מיר גייען דאָך אויס מיט אונדזערע קינדער פאַר קעלט, — וויינט אַרויס אַ ייִדענע פון עולם.

**דאָס איז געווען אַ צייכן פאַר די אַנדערע.**

— די בעבעכעס אין אונדזערע לײַבער ווערן **דאָך געפרוירן.**

— עס איז דאָך ממש סכנות־נפשות. מען ווערט **דאָך** דערפרוירן גלידערווײַז, — קלאָגט פון דער מאַסע אַרויס מיט אַ גמרא־ניגון אין אַן איכה־טאָן אַ חסידישער ייִד.

— דאָזאָר, אַזוי ווײַטער קאָן עס נישט גיין. ס'איז „באו מים עד נפש", — מאַכט מיט דער האַנט אַ בכבודיקער חסידישער ייִד אין אַ צעריסענע קאַפּאָטע.

— וואָס רעדט ער מיט אים — קוילן! מיר האָבן נישט מיט וואָס צו הייצן — קוילן!

— מיט געשריַיען וועט איר גאָרנישט מאַכן, — **זאָגט דער** דאָזאָר בנחת־רוח, — איר האָט **דאָך דאָ** אײַערס אַן **איי**גענעם **מענטש. זאָל זי אַרויפגיין מיט אונדז, זיך אַוועקזעצן בײַם טיש,** וועלן מיר זען וואָס מיר קאָנען טאָן.

— גייט, גייט, גוטער מענטש, גייט, — **האָבן איר שטימען** צוגעגעבן מוט.

פונעם עולם האָט זיך אַרויסגערוקט מרדכי דער „הויקער" ווי נאָר מ'דאַרף אַ דעפּוטאַציע, איז ער דאָ, און ער רופט זיך אָן צו רחל־לאהן:

— פאַני הורוויץ, קומט אַרויף, וואָס האָבן מיר **מורא פאַר** זיי?

ווען רחל־לאה און מרדכי „הויקער" זענען אַרײַן אין **דאָזאָר**שטיבל, האָבן זיי קיינעם נישט אָנגעטראָפן. זעט זיך אויס, **אַז** מ'איז זיך צעלאָפן און איבערגעלאָזט בלויז דעם מוטיקן געלן דאָזאָר. דער לאַנגער גרין־באַדעקטער טיש איז געשטאַנען ליידיק.

— און ווו זענען די אַנדערע? — פרעגט רחל־לאה.

— וואָס דאַרפט איר די אַנדערע? — איך וועל רעדן מיט איַיך, זעצט איַיך, — ווײַזט דער **דאָזאָר אָן אויף שטולן בײַם** גרין־געדעקטן טיש.

— זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער רעוואָלטירטער **מאַסע!** — רופט אויס דער הויקער מיט אַ טריומפירנדיקער שטימע און גיט אַ טריומפירנדיקן ווונק צו רחל־לאהן.

— **פאַר וואָס** זאָלן זיי זיך דערשרעקן, — **וואָס, איר זענט** נישט אַזעלכע ייִדן ווי מיר זענען? וואָס, גזלנים זענט איר? — זאָגט דער כיטרער דאָזאָר בנחת־רוח — זעצט איַיך, יונגערמאַן, — ווײַזט ער דעם הויקער אויף אַ שטול, — **זיי האָבן מיך** אויסגעקליבן צו אונטערהאַנדלען מיט איַיך.

— **אַהאַ!** — רופט ווײַטער אויס דער הויקער **מיט אַ פול** באַדײַטנדיקן ווונק צו רחל־לאהן, **און צום געלן דאָזאָר גיט ער אַ** מאַך מיט דער האַנט: „יאַך קאָן שטיין".

— **אַלזאָ,** וואָס וועט איר זאָגן גוטס? **וואָס ווילט איר דאָס** אייגנטלעך? פרעגט דער דאָזאָר **אַזוי ווי ער וואָלט פון הימל** אַראָפּגעפאַלן.

בײַ רחל־לאהן פּלאַצט שוין דאָס געדולד **בײַם אָנהייב.**

— איר ווייסט נישט **וואָס** מיר ווילן? **איר זענט אַ פרעמדער?** איר ווייסט נישט וואָס עס טוט זיך אין שטאָט? **מענטשן ווערן** **געפרוירן!**

— נו, און אז מען ווערט געפרוירן, איז וואָס? שרײַט מען שוין אזוי, מאכט מען שוין אזעלכע געוואלדן, רײַסט מען שוין אײַן א וועלט? בײַ מיר אין דער היים ווערט ־יען אויך געפרוירן. ווער ווערט דאָס נישט געפרוירן אין ווינטער? ס'איז דאָך א באַוווּסטע זאַך. מיר זענען דאָך מענטשן, נישט קיין ווילדע חיות. ס'איז דאָך גלאַט נישט שיין פאַר גויים. געמאכט אַן אָנגעלויף, גאָט ווייסט וועגן וואָס, — זאָגט דער דאָזאָר מוסר־רייד.

רחל־לאה איז נישט געווען קיין גוטע דיפּלאָמאַטין. בײַ אזעלכע אונטערהאנדלונגען האָט זי גלײַך פאַרלוירן איר געדולד. זי האָט שוין נישט געקאָנט איבערטראָגן זײַנע אויסגערוטע פולע בעקלעך, פון וועלכע עס האָט אַראָפּגעגלאַנצט דער שמאַלץ פון חנוכה־גריוונס. עס האָט זי גערייצט זײַן רויִקער, נחתדיקער טאָן, ווי ער וואָלט גרויס הנאה געהאַט צו הערן זײַן אייגענער שטים, און דאָס קעמען זיך מיט די פינגערלעך די געלע באָרד. זי האָט שטאַרק חשק געהאַט אָנצוכאַפּן אים אזוי בײַ דער באָרד און זי פעסט האַלטן אין אירע הענט און שרײַען צו אים:

— איר ווייסט, וואָס עס הייסט ווערן געפרוירן פאַר קעלט? איר ווייסט? זי האָט זיך געביסן די ליפּן, כדי זיך אַליין צו קאָנטראָלירן.

— רעדט איר מיט אים, מרדכי, רעדט, איך קאָן נישט.

— הכלל, איר וועט געבן קוילן, צי ניין? — מאכט זיך דער הויקער מוט און ווערט ווײַס ווי די וואַנט.

— פון וואַנען זאָלן מיר נעמען? וואָס, מיר האָבן אייגענע קוילן־גריבער? אדרבא, נעמט איר די שליסלען פון דער קאַסע, צעטיילט איר; זײַט איר דאָזאָרעס, וועלן מיר דערנסט מאָל זען, אויב איר וועט אויך זײַן אזעלכע גוטע מענטשן, איר מיינט, אז איר אַליין האָט נאָר א מאָנאָפּאָל אויף רחמנות? איך האָב אויך רחמנות, איך בין אויך אזא גוטער מענטש ווי איר. זיי מיינען, אז זיי אַליין האָבן אויסגעכאַפּט דאָס גאַנצע גוטסקייט.

— איר ווייסט, וואָס עס הייסט ווערן געפרוירן? מענטשן קאָנען נישט אַרבעטן פאַר קעלט, זיי פאַרברענען די לעצטע שטיקלעך מעבל פון די שטיבן, האָבן זיך נישט ווו אויסצובאַהאַלטן, ווייסן נישט ווו צו אַנטלויפן. איר ווייסט? איר ווייסט? — שרײַט אים רחל־לאה אין פּנים אַרײַן.

— אוודאי ווייס איך, וואָס דען, איך ווייס נישט? אדרבא, גיט טאַקע אַן עצה דערויף, וואָס צו טאָן.

— וואָס, די גמינע האָט קיין געלט נישט?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, נעמט איר די שליסלען און צעטיילט איר, זײַט איר דאָזאָרעס.

— מיט אײַך קאָן מען נישט רעדן, מיט אײַך קאָן מען נאָר אָט וואָס . . . — און רחל־לאה הייבט אויף א פויסט און פאַרלאָזט דאָס דאָזאָרשטיבל.

— אָ, דאָס איז נישט שיין. איר זענט דאָך עפּעס אַן אָרענטלעך מענטש, — זאָגט דער דאָזאָר.

דער עולם, וואָס האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן רעזולטאַט פון די אונטערהאנדלונגען, האָט זיך דערווײַל געמאכט אילוזיעס — אז נישט נאָר קוילן, זיי וועלן אויך באַקומען קאַרטאָפליעס, קרויט און אפילו ברויט פון דער גמינע. ס'האָט זיך זיי געדאַכט, אז דאָס ווערט איצט דאָרט דערינען פאַר זיי באַשאַפן.

געצויגן פון דער ערד אַרויס. און כאָטש מיט די מײַלער האָבן זיי אַנדערש גערעדט און געברומט: „עס וועט גאָרנישט זײַן", אָבער אינעם געדאַנק האָבן זיי געהאַט פיל האָפענונג און באַפּײַכט זייערע אויסגעלײדיקטע מאָגנס מיט טעמעס פון שפּײַזן.

קאָן מען זיך פאָרשטעלן די נידערגעשלאָגנקייט, וואָס האָט געהערשט אין דער ערשטער מינוט, און באַלד דערנאָך דער כסדרדיקער אויסגעשרײַ, ווען רחל־לאה איז אַראָפּגעקומען און געוואָרפן אין די אויפגעעפנטע אויגן פון דער מאַסע דאָס אָפּטויטנדיקע וואָרט:

— מען קאָן גאָרנישט מאכן, א האַרץ פון א שטיין.

דער עולם האָט א מינוט געשוויגן אין זײַן פאַרלוירנקייט. באַלד האָט ווער אויסגעשריען. ס'איז געווען מרדכי דער הויקער, וואָס איז נאָכגעגאַנגען רחל־לאהן:

— נאָר דאָ איין וועג: צונעמען „בעגראַנדע" (מיט געוואַלד).

דערהערט דאָס וואָרט „בעגראַנדע", איז א פלאַקער פײַער אַרײַן אין דער אויפגערעגטער מאַסע. אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. אפילו די חסידישע ייִדן האָבן אָנגעהויבן צו שאָקלען זיך ווי בײַ א פרום געבעט; געביסן די פאַרפרוילטע, פאַראײַזטע וואָנצעס אין די ציין, געריסן זיך בײַ די בערד, געשאָקלט זיך און געברומט מיט אויפרעגונג:

— עס איז דאָך אומדערהערט.

— א האַרץ פון א טאַטער, מענטשן לאָזן אונטערגיין אין אזא צײַט — האָבן ווײַבער געיאָמערט.

פונעם עולם האָט זיך אַרויסגערוקט חיימל „פערד". די הענט טיף פאַרשטעקט אין די הויזן־קעשענעס, איז ער געגאַנגען באַוועגנדיק מיט די אַקסלען. זײַנע אויגן, און נאָך מער דאָס האַלבפאַרקלעפּטע אויג מיטן בלאַטער, האָבן פון אונטער דעם לעדערנעם דאַשעק אָנגעזאָגט אויף נישט קיין גוטס. ער האָט זיך צוגערוקט צו רחל־לאהן און א ברום־געטאָן:

— וואָס הייסט איר טאָן, בעל־הביתטע?

— ווייסט נישט וואָס צו טאָן? — זאָגט וועלוול — זאָל ער נאָר קומען אין מײַנע הענט.

די אויפרעגונג איז וואָס א מאָל מער געוואַקסן צווישן דעם עולם. ס'האָט זיך געדאַכט, אז ווען דער געלער דאָזאָר וועט זיך באַווײַזן, אזוי וועלן זיי אים צעטראָגן נאָר אויף איין ווונק, נאָר אויף איין וואָרט פון רחל־לאהן.

און דער דאָזאָר האָט זיך באַוויזן אין דער טיר. ער האָט אויסגעקוקט זייער פרום, מיט א כשר־חזיר־פּנים, צושאָקלענדיק זיך און רײַבנדיק זיך דערבײַ די הענט. עס זענען געוואָרן געווענדט צו אים אויגן, פול מיט פאָספאָר־פײַער, ווי אָנגעריבענע שוועבל, וואָס וואַרט נאָר אויף א פונק, — כאָטש דער עולם האָט דערווײַל געשוויגן פאַר אויפרעגונג און נײַגעריקייט צו הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן. דער דאָזאָר האָט זיך אָבער גאָרנישט געמאכט פון די בייזע מינעס און בליקן. ער האָט זיך אָנגעהויבן פרום צו שאָקלען און געפרעגט פרום:

— צי ווילט איר קוילן, צי ווילט איר עפּעס אַנדערש?

— אוודאי ווילן מיר קוילן.

— אזוי זאָגט. די גמינע האָט שוין טאַקע געזאָרגט דערפאַר. מ'הייבט שוין אָן אַרויסגעבן די קוויטלעך אויף קוילן.

דער עולם האט אנגענעם איבערראשט אפגעאטעמט.

— און קארטאפלעס, פאניע לעבן? — האט געפרעגט א פריילעך־פארוואונדערטע, האפענונגס־זינגענדיקע שטימע פון א מאמען.

— און קארטאפלעס וועלן מיר אייך צעטיילן, — זאגט דער דאזאר — מיט דער צייט וועלן מיר צעטיילן. וואס דען, זיי וועלן אייך עפעס געבן? — ווייזט ער אויף די פארוואונדערט־שטייענדיקע רחל־לאהן מיטן הויקער.

— זיי מיינען דען אייערע קוילן? זיי מיינען דאך עפעס אנדערש... — זאגט דער דאזאר ארויס דעם „עפעס אנדערש" מיט א פול־באדייטנדיקן גמרא־ניגון, און ווינקט צו מיט די אויגן, — הע, הע, הע.

דער עולם, וואס איז פאר א מינוט פריער, אויף איין ווונק פון רחל־לאהן, גרייט געווען דעם דאזאר צו צערייסן, האט ביי די האפענונגס־געבנדיקע ווערטער פונעם דאזאר שוין זי אין גאנצן פארלאזט און אריבערגעגאנגען צו אים. כדי צו געפעלן דעם דאזאר, האבן זיי תיכף אויפגעכאפט דעם מיין פון זיין זינגענדיקן „עפעס אנדערש" און טייל האבן אונטערגעכאפט דעם „הע, הע, הע".

רחל־לאה איז געשטאנען א פארוואונדערטע. זי האט נישט גע־ווּסט, וואס עס איז געשען. זי האט דערפילט ווי א קאלטער ווינט וואלט זי ארומגענומען. לעבן איר זענען נאך געשטאנען אירע געטרייע באגלייטערס: דער הויקער, הענעך סטאליער, וועלוול אפילו. נאר חיימל „פערד" האט זיך שוין מיטן איבעריקן עולם, מיט די פרומע יידן, מיט די ווייבער און קינדער, מיט גלאט ארעמע־לייט זיך געוויקלט ארום דעם דאזאר, וואס אלע האבן איצט ארומגערינגלט מיט אויסגעשטרעקטע הענט. טייל האבן אויפגעהויבן צו אים די קינדער, אנדערע האבן געוויזן טיילן פון זייערע נאקעטע לייבער, די אויסגעפראלטע בריסטן פון די צעריסענע קליידער.

— דאזאר לעבן, הונדערט יאר זאלט איר לעבן, ווען וועט מען אנהייבן צו טיילן?

— טאקע באלד, טאקע באלד, קיין איין מינוט נישט פארשפעטיקן. וואס דען, פון זיי וועט איר עפעס האבן? — ווייזט ער שוין איצט מיט דרייסטקייט אויף דער אין ווינקל־שטייענדיקער רחל־לאה — עס ליגט זיי, מיינט איר, א סך אין זינען אייערע קוילן, אז זיי מיינען גאר עפעס אנדערש. הע, הע, הע.

און פארכריפעטע הייזעריקע סוכאטנע קולות האבן שוין איצט משונהדיק מיטגעלאכט הויך אויפן קול: „הע, הע, הע, — זיי מיינען גאר עפעס אנדערש".

— דאזאר לעבן, איר זענט דאך אונדזער איינציקער שפייזער, — שטרעקט א יידענע א ברודיק קינד צו אים ארויס.

— דאזאר לעבן, איר זענט א פאטער צו אונדזערע קינדער.

— גאט צו ערשט, דערנאך ער! — ווייזן די ווייבער אויפן דאזאר.

רחל־לאה מיט איר קאמאנדע האבן זיך אפגעטראגן פארשעמטע. ווען זי איז דערנאך אהיימגעקומען א צעבראכענע, א קראנקע פאר אנמאכט, האט זיך פרוי הורוויץ אוועקגעזעצט אין איר ווינקל, אנגעלענט איר קאפ אויף ביידע הענט, געביסן די ליפ און עפעס געמורמלט ווערטער, צעקייענדיק זיי אינעם בייסן.

פון דער צווייטער שטוב איז דער גימנאזיסט ארויסגעקומען. דערזען די מאמען אין דער שטימונג, האט ער שוין אלץ גע־ווּסט, אנגערופן זיך מיט א שמייכל:

— איך האב דער מאמען באלד געזאגט, אז זי זאל זיך נישט אפגעבן מיט פילאנטראפיע, עס איז נאר דא איין עצה...

רחל־לאה, וואס האט איצט דאס זעלבע געקלערט, וואס איר יינגל און מורא געהאט צו דערקלערן, האט איצט באמערקט א נייעם רים אין זיינע הויזן. האט זי זיך אין דעם אנגעכאפט:

— הער נאר, דו וועסט אויפהערן? קוק בעסער אן דיינע הויזן. איך האב שוין מער קיין כוחות נישט צו זיי...



אַלטער קאַציזנע

# „שטאַרקע און שוואַכע"

(פראַגמענט)

אַ מאָל איז דאָ געווען דאָס הארץ פון ווארשע — אַט דער לאַבירינט שמאָלינקע געסלעך צווישן הויכע גרויע מויערן. איצט איז דאָס אַן אָפּגעלעגן אָרט, אַ פאַרצײַטיקער אָנוווּקס אויפן גוף פון דער הײַנטוועלטיקער שטאָט, ווו דאָס בלוט פליסט אַנדערש און ווו אַנדערש שלאָגט דער דופק.

דער מקום — ווי ייִדן רופן די אַלטשטאָט — האָט זײַן אייגנעם אָטעם, זײַן אייגענער לופט, וואָס זי גיסט זיך נישט צוזאַמען מיט דער לופט פון גאַנץ ווארשע. אויך די אײַנוווינער פון מקום האָבן אַן אַנדער אויסזען, סײַ די ייִדן, סײַ די קריסטן. פאַרוועלקטע זענען זיי, די אײַנוווינער פון מקום, ווי דער שטויב פון פאַרגאַנגענע דורות וואָלט צו זיי צוגעשטאַנען, זיך אַרײַנגעפרעסן אין די פאַלבן פון זייערע קליידער, אין די קנייטשן פון זייערע פּנימער. און גרוי זענען זיי.

זיי טראָגן מיט זיך דעם שאָטן פון די ענגע געסלעך צווישן הויכע מויערן. אַט שאַרן זיי זיך פאַזע וואַנט, איבער די שמאָלע טרעטערס, ווי קינדער, וואָס רײַבן זיך אָן דער מאַמעס קני. און די מאַמעס — די מויערן, זענען שמאָל און הויך און, דאַכט זיך, זיי שטייען, די מויערן, אויף געשוואָלענע קני, אונטן זענען זיי ברייטער ווי אויבן, די גרויע וואַנט גליטשט זיך אַראָפּ אויפן שמאָלן טרעטער אין אַ משופּעדיקן אָנשפּאַר, כדי נישט אײַנצופאַלן. קיין טויערן זענען דאָ נישטאָ. שמאָלע געוועלביקע טירן מיט פאַרצײַטיקן שמירעכץ פירן פון דער גאַס אין פינצטער־געוועלבטע קאָרידאָרן אַרײַן. און בײַ טאָג דורך זייער פינצטערניש, אין אָוונט — דורך דעם איינציקן לאָמטערן, וואָס הענגט פון געוועלב אַראָפּ, אָטעמען אַרויס די שמאָלע געוועלבן אַ שרעק און אַ וואָרנונג אויף דער ענגער גאַס: היט אײַך, מענטשן! פאַראַן מכשפות אויף דער וועלט! און שדים לויערן אין יעדן ווינקל. און מענטשן שלעכטע, נאָך ערגער פאַר שדים, האָבן זיך פאַרטײַעט אין זייער פאַרבאָרגעניש.

נישט אומזיסט זענען פאַראַן אין דער הויך פון ערשטן שטאָק נישעס אין די גראָבע ווענט. און דאָרט שטייען צוגעשמידט אין זייער אייביקער וואַך מאַדאָנעס און הייליקע. און ווי אַלט און ווי אָפּגעלאָזט די ווענט זאָלן נישט זײַן — די מאַדאָנעס מיט די הייליקע גלאַנצן מיט דעם הימל־בלויען אוילפאַרב פון זייערע פרישאָפּגעמאָלטע קליידער, טראָגן פרישע קרענצלעך אויף די קעפּ — אַ פאַרגיטיקונג פאַר זייער אייביקער וואַכזאַמקייט.

מענטשן גייען — שאָטנס אויף דער שאָטנדיקער גאַס. און רײַסט זיך אַרײַן אַ שטיקל זון צווישן די הויכע מויערן, — דאַן ווערט די גאַנצע גאַס צעבראָכן אויף שפּיציקע ווינקלען און קרומע ליניעס. דאַכט זיך, די גאַס צעפאַלט זיך, דאַכט זיך די שאָטןמענטשן לויפן זיך ראַטעווען, וואָס גיכער פון לעכערדיקן אַרבל אַרויס אַהין, אויפן אַלטן מאַרק, און דאָרט, אויף דער פולער זון, צו קריגן אַ תיקון.

אויב אַלטשטאָט איז דאָס אַמאָליקע הארץ פון ווארשע, איז דער אַלטער מאַרק — דאָס הארץ פון דעם הארץ.

אַ גרויס פּירעקיק קעסטל איז דער אַלטער מאַרק. זײַנע ווענט זענען צו פיר ציילן הויכע שמאָלע מויערן, הויכע צו פינף און זעקס שטאָק, שמאָלע — צו דרײַ און צו פיר פענצטער. און אַלע מויערן זענען דאָ גרוי און אַלט, דאַכט זיך, אַלע אַזוי ענלעך. און דאָך — באַזונדערע זענען זיי. יעדער מויער מיט זײַן פּנים, מיט זײַן הנדל פון אַן אָפּגעקומענעם מיוחס. גרויסע אינדיווידואַליסטן זענען זיי, די מויערן פונעם אַלטן מאַרק. וואָס האַלט זיי דאָ צוזאַמען, אַקסל צו אַקסל צוגעפרעסט אין ענגשאַפט — האָבן זיי זיך פאַרקוקט מיט די אָנברעמענדיקע אויגן, אויף דער וואַסערפאַננע, וואָס זיצט אויף איר פּאָסטומענט אין מיטן געפּלאַסטערטן פּלאַץ. אַ מכשפה איז זי, די ווארשעווער וואַסער־פאַננע, מיט פאַרשײַטע בריסטן און מיט אַ פאַרדרייטן שיפן־עק. מיט איר שילד און מיט איר שווערד, וואָס זי האַלט אין אירע הענט, האָט זי צוגעכישופט צו זיך די אַלטע הויכע מויערן מיט זייערע מאַדאָנעס, מיט זייערע הייליקע, און די אַלטע שטיינערנע אינדיווידואַליסטן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין פיר ציילן און פאַרשלאָסן דעם פּלאַץ אין אַ קעסטל.

איז געוואָרן אויס פּלאַץ, נאָר אַ ריזיקער צימער אָן אַ דאַך. אַ קהלישער צימער צום געברויך פון די היגע אײַנוווינער.

קינדערלעך שפּילן זיך אין יאָגעניש אַרום דער וואַסער־פאַננע. ווײַט אַנטלויפן קאָנען זיי נישט. אויך זיי האָט זי צוגעכישופט. עלטערע פרויען זיצן אויף די שטיינערנע טרעפּלעך פון פּאָסטומענט, ציילן די זאָקן־אויגלעך און באַקלאָגן זיך אויף זייערע ביטערע מזלות. איינע אויף דעם, וואָס דער אַלטער פאַרדינט נישט, די צווייטע — וואָס דער אַלטער שיכורט און שלאָגט זי, די דריטע איז זיי ביידן מקנא: איר אַלטער איז שוין לאַנג אַ שוכן־עפר.

אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן לאָזן זיך אַרויס אַרבעטער אין בלויע וועסטלעך מיט פּאַפּיראָסן אין מויל, כאַפּן אַ שמועס בײַ דער וואַסער־פאַננע.

אייגענע מענטשן, אַן אייגענע שטוב, נאָר אָן אַ דאַך, דער פאַר קאָן מען כאָטש אָפּאָטעמען פרײַ.

ייִדן מיט קריסטן פילן זיך דאָ נענטער און היימישער, ווי ערגעץ אַנדערש. די מויערן האָבן זיי דאָ, צוזאַמענגעשטופּט אין ענגשאַפט. די שווערע נויט דריקט אַלעמען גלײַך, קיין גבירים וווינען נישט אויף אַלטשטאָט. און די שאָטנס פון פאַרגאַנגענע דורות וועבן זיי צוזאַמען מיט אַ געמיינזאַמען סדר.

אַרויסגענומען פון דער „אַנטאָלאָגיע פון דער ייִדישער פּראָזע אין פּוילן."

משה דוויד גיסער

# „אלט ווארשע״

(פראַגמענט)

שמאָלער „דונאַי״, פירסט צום ברייטן, —
ס'איז דײַן שטח ענג און קאַרג,
ברייט צועפנסטו די קלייטן
און פאַרנעמסט זיך צו דעם מאַרק.
לאָזט דאָס גרינס אויף טישן גרינען,
געלע מייערן שמעקן פריש
און די מענטשן, ווי די בינען —
ראָיען אין אַ ווילד געמיש.

ס'פרעגלען זיך די פּאָמידאָרן
אויף דער זון ווי ראַקעס רויט,
און עס ברעכן זיך די טישן
פון די ברוינע לעבלעך ברויט.

הערינג פוילן אין די בוטען —
ווײַבער פּאָרקען זיך מיט זיי,
ס'ליאָגער ווערט אין גאָלד צערונען
אונטער הענט פאַרפוילטע צוויי.
געלע זאַפטיקע מאָרעלן,
לאָזן ס'אויג נישט ווײַטער גיין,
און די אַגרעסן די גרינע
מאַכן האַרב אין מויל די ציין.
ווײַמפּערלעך, ווי רויטע טראָפּנס,
פײַכטער סאַלאַט, פרישער שטשאַוו
ליגן בײַ דעם קרויט צוקאָפּנס; —
און אַ גרויסער ערב רב —
ייִדן, גוים, סטאַשקעס, מאַגדעס —
מיט פאַרשאַרצטע ברייטע נעז,

שלעפּן קוישן פול מיט יאַגדעס —
ברענגען שנייִיק־פוכלען קעז.

לאָז ס'געוויש פון מאַרק אַריבער, —
און פאַרנעם דעם „שוואַרצן שוואַן״,
גיי צום „מקום״, קוק זיך איבער
מיטן שפּיץ פון „שוויענטי יאַן״.
זע, ווי ס'דראַפּען זיך די דעכער
און מיט שטיינען אַלץ באַקוק,
בלויז אַ טורעם רײַסט זיך העכער —
אָבער אונטן אויפן ברוק
שטייט פאַרגליווערט די סירענע —
וואַרשעס היטנדיקער הערב, —
האַלט אין האַנט אַ שווערד אַ ברייטע,
אויפגעהויבן ווי אַ סערפּ.
און דער אויפגערוימטער „מקום״,
ווו ס'האָט לעבן פול גערוישט,
ליגט אַ לאַכנדיקער זקן
וואָס האָט אַלץ אויף רו פאַרטוישט.

ס'גליט אַ גלאַנץ נאָך אין די שויבן,
ס'שפּײַען קוימענס נאָך מיט רויך,
און ווי שטענדיק פליִען טויבן
טשאַטענוויַיז צום הימל הייך

פרײַדיקס, שרעקלעכס, אומגעהויערס
ליגט באַהאַלטן אין די ווענט,
בלוט און פלייש פון גאַנצע דורות
רוט אויף יעדן פונדאַמענט.

(פונעם בוך פאָעמען און באַלאַדן)



יעקב מילך

# דער הויף אויף ניסקע-גאַס

אויטאָביאָגראַפישע סקיצן

דער הויף אויף ניסקע־גאַס, וווּ מיר האָבן געוווינט, שײַנט מיר, פאַרדינט אַן אָרט אין דער באַשרײַבונג.

ווי מען האָט מיר דערציילט, האָט דער נומער פון דעם הויז זיך געענדערט. דער הײַנטיקער נומער איז 53. דעמאָלט אָבער איז דאָס הויז געווען באַקאַנט אַלס נומער 17 ניסקע. צי עס האָט זיך אויך געענדערט די פיזיאָנאָמיע פון דעם הויז — איז מיר נישט באַקאַנט.

עס איז אייגנטלעך נישט ריכטיק צו באַצייכענען יענעם קאָנגלאָמעראַט פון מענטשן מיטן נאָמען „הויף". אַ „שטאָט", לכל הפּחות אַ קליין יידיש שטעטל, וואָלט געווען אַ פּאַסנדיקערע באַצייכענונג. און אַ קליין יידיש שטעטל, מיט אַלע זײַנע כאַראַקטערשטריכן, איז דער הויף געווען.

דער ווירט פונעם הויז איז געווען אַן אַלטער פּאָליאַק, מיט ברייטע און דיקע וואָנצעס, אַן אויסגעדינטער אַרמיי־קאַפּיטאַן נאָך פון די פּאָווסטאַניע־צײַטן. ער האָט ליב געהאַט געפילטע פיש און — מיר שײַנט — די יידישע מיידלעך, ווי געוויינלעך. ער האָט געוווינט אין אַ קליין איינשטאָקיק הײַזל וואָס איז ספּעציעל געווען אויפגעבויט פאַר אים און זײַן פאַמיליע נעבן דעם הויפּט־הויז.

דער פירער פון דעם הויז, דער „דזשאָנצע" איז געווען אַן אַלטער משומד, אפשר 70 יאָר אַלט, מיט דעם נאָמען טשערניאַקאָוו. דער דאָזיקער משומד איז געווען אַן אַלטער בחור, אַ כלב שבכלבים, אַן אמתער שונא־ישראל און אַן אכזר, וואָס האָט נישט געוווּסט פון קיין יושר און קיין רחמנות. דעם אכטן פון יערן חודש האָט מען געמוזט אַרײַנטראָגן דאָס דירה־געלט, אַז נישט איז געקומען דער „קאָמאָרניק" האָט געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, האָט אַרויפגעלייגט חתימות מיט טריוואַקס אויף די בעבעכעס, און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געווען „ליציטאַציע", אויב מען האָט נישט דערוויַיל באַצאָלט מיט קאָסטן. „פּשאַ קרעוו, זשידזשע", איז געווען כמעט דאָס איינציקע וואָרט, וואָס מען האָט פון אים געהערט. דער סטרוזש האָט זיך גאָר אויסגעריכט אַ שוואַרציאָר פון אים. אפילו דער ווירט האָט פאַר אים מורא געהאַט. די שכנים פלעגן אים רופן: „דער משוגענער הונט". צו קוקן אויף אים איז געווען קאָמיש. ער האָט געהאַט אַ ביסל אַן אײַנגעהויקערטע פּלייצע. ווען ער איז געגאַנגען האָט ער געשאַרט מיט די פיס, און ווען ער האָט זיך געאײַלט, האָט ער געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ האָן, ווען ער יאָגט זיך נאָך די הינער. זומער און ווינטער, דרויסן האָט געמעגט זײַן ווי שיין, האָט ער געטראָגן אַ פּאַראַסאָל אָנגעהאָנגען אויף דער האַנטגעלענק.

מיר, די קליינע חברה, זענען געווען די איינציקע, וואָס זענען אים דערגאַנגען די יאָרן. ווען ער פלעגט דורכגיין דעם הויף, פלעגן מיר זיך באַהאַלטן און שרײַען מיט משונהדיקע קולות: „פּשאַ קרעוו משומד — פּאַציאַזש", האָט ער אָבער אַ מאָל איינעם פון אונדז געכאַפּט, איז מען נישט געווען זיכער מיטן לעבן. זומער און ווינטער, רעגן אָדער זונשײַן, ווי געזאָגט, איז ער געווען באַוואָפנט מיט אַ רעגנשירעם, און ער פלעגט אַ מאָל נאָכוואַרפן דעם פּאַראַסאָל, ווען ער איז געווען זייער בייז, וואָס ער האָט קיינעם נישט געקענט כאַפּן.

דער ווירט, דער דזשאָנצע און דער סטרוזש, וואָס האָט אויך געדינט אַלס דער שבת־גוי — דאָס איז געווען די קריסטלעכע און הערשנדיקע „באַפעלקערונג" אין אונדזער שטעטל. עס מאַכט נישט אויס, וואָס זיי זענען געווען די מינאָריטעט: עס מאַכט נישט אויס, וואָס דער סטרוזש פלעגט אַראָפּנעמען דאָס היטל, ווען ער איז שבת אַרײַנגעקומען אַראָפּנעמען די לײַכטער און האָט געזאָגט „דזענקויע פּאַנו"; ווען מען האָט אים געגעבן אַ טרונק בראָנפן און אַ שטיק חלה — ער האָט באַלאַנגט צו דער הערשנדיקער מאַכט.

די „אונטערטאַנען", די מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג, איז באַשטאַנען פון אַן עדה יידן און יידענעס, ייִנגלעך און מיידלעך, בחורים און כלות פון אַלע מינים, פון אַלע שאַטירונגען און מיינונגען.

דער הויף איז געווען אַ גרויסער, פירעקיקער קאַסטן, וואָס איז געווען פאַרבויט די גאַנצע לענג, ריכטיקער די ברייט, פון פראָנט מיט אַ צווייסטאָקיק, הילצערן הויז, און צוויי „אָפיצינעס" אינעווייניק. אַרום און אַרום די וווינונגס־הייזער אין דעם הויף זענען געשטאַנען הילצערנע „קאָמורקעס". יעדער שכן האָט צוגעקראָגן צו זײַן וווינונג אַ הילצערנע „קאָמורקע". אין די „קאָמורקעס" פלעגט מען האַלטן אַלטוואַרג, די פּסחדיקע געשיר, שעניקעס, וואָס מען האָט נישט געקענט אַרײַנפּאַסן אין די בעטן, אַ ביסל אָנגעהאַקטע האָלץ אויף ווינטער, און די ווינטערדיקע מלבושים אין זומער.

צו דער גאַס צו, אין דעם פראָנטהויז, איז קודם־כל געווען אַ שפּײַז־געוועלבל. אינעווייניק פון הויף איז געווען אַ שילעכל צום דאַווגען, אַן אַנדער מין געוועלבל, אָן שפּײַז; אַ ייד האָט פאַרמאָגט עטלעכע ספרי־תורות, אַ „שיוויתי", אַ פּרוכת מיט אויסגענייטע „לייבן", האָט ער אָפּגעדינגען צוויי צימערן מיט באַזונדערע אַרײַנגאַנגען, האָט אויפגעשלאָגן אַן אָרון־קודש, אַ בעלעמער, עטלעכע שטענדערס, אַ פּאָר לאַנגע בענק פון געפאַרבטע ברעטער, האָט דאָס אַ נאָמען געגעבן: „בית־הכנסת" און זײַן „געוועלבל" איז געווען פאַרטיק צו באַדינען קונים. און די „קונים" זענען געקומען, אַ בעל־תפילה, אַ בעל־קורא, אַ בעל־שחרית אָדער אַ בעל תוקע אויף ימים־

נוראים האָט ער נישט גערדאַרפט. אַ ביסל איז ער אַליין געווען אַ מושלם אין די קונסטן, און דאָס איבעריקע האָבן די בעלי־הבתים אַליין צוגעשטעלט. יעדער האָט געגנוג פון די טאַלענטן צווישן זיך. מען פלעגט זיך נאָך ריַיסן פאַר די כבודים.

דאָס זענען געווען די „אינסטיטוציעס", ווען מען זאָל נישט אַריַינרעכענען די חברה ביקור־חולים, פון אונדזער הויף.

צו דעם זענען צוגעקומען עטלעכע שכנים, וואָס יעדער פון זיי איז געווען אַן אינסטיטוציע פאַר זיך אַליין. פאַר אַלעמען איז געוועזן ישראל דער שניַידער. ער איז געווען אַ נידעריקער, אַ דיקלעכער ייִד, מיט אַ גרויטער גרויער באָרד, אַ ברייטער נאָז, דיקע ברעמען און ברילן אויף דעם שטערן. די ברילן האָבן אויסגעזען צו זיַין אַ טייל פון דעם שטערן. איך האָב אים קיין מאָל נישט געזען אָן די ברילן, און ער האָט זיי קיין מאָל נישט געטראָגן אַנדערש ווי אויף דעם שטערן. ישראל דער שניַידער איז געווען דער עלטסטער, און פאַר אונדז, די יונגע חברה, דער חשובסטער. מיר האָבן אַלע געמוזט אָנקומען צו אים. ער איז געווען דער הויף־שניַידער, און מיר זענען געווען זיַינע הויפּט־קונדן. ער פלעגט מייסטנס איבערניצעווען די אויסגעטראָגענע מלבושים פון די טאַטעס פאַר די קינדער, און ער איז געווען אַ מאַדים אין זיַין פאַך. מען האָט באַדאַרפט זען די „בגדי מלכות", וואָס ער האָט אויסגענייט פון די אַלטע שמאַטעס! גאָרנישט צו דערקענען. קיין יתור האָט ער נישט גענומען.

פייוול דער שוסטער איז געווען נאָך איינער פון אונדזערע חשובע בעלי־בתים. ביַי אים איז שוין געווען אַ גאַנצע פאַבריק, און ער האָט געמאַכט נאָר נײַע אַרבעט: שטיוול מיט הויכע אָפּצאַסן און לאַנגע כאָלעוועס, וואָס האָבן זיך געקנייטשט און געוואָרפן; קאַמאַשן פאַר מענער און פרויען און לאַקירטע שטיוועלעך פאַר ריַיכע ייִנגלעך. פון זיַינע שטיוול האָבן געסקריפּעט, אַז עס איז געווען אַ מחיה. וויפל מאָל האָב איך געוויינט און געבעטן מען זאָל פאַר מיר באַשטעלן שטיוועלעך ביַי פייוול דעם שוסטער! אָבער דאָס איז קיין מאָל נישט געשען. ווער האָט דאָס געקענט אָנקומען צו אַזאַ יקרן?

אַחוץ די אויבן אויסגערעכנטע האָט אונדזער הויף פאַרמאָגט אַן אייגענעם „קראָוויאַזש". די קי האָט ער געהאַלטן אין איינעם פון די קעמערלעך, וואָס ער האָט גערופן אַ שטאַל. די קי האָבן אים געגעבן פרנסה בכבוד, נישט מער ווען ס'איז קאַליע געוואָרן דער ברונעם און מען האָט געמוזט גנבענען וואַסער פון אַן אַנדער הויף, האָבן די שכנים געזאָגט, אַז אין דעם איז שולדיק דער קראָוויאַזש. ער האָט דאָס אויסגעשעפּט דעם ברונעם פאַר זיַין פרישער מילך.

ר' שלמה דער קוילנהענדלער איז געווען אַן אַנדערער פון אונדזערע שכנים. ער איז געווען אַ וואָרקער חסיד, אַ ברייט בייניקער ייִד, מיט אַ ברייטן פנים. ער האָט געהאַט אַ סקלאַד פון שטיינקוילן אויף דער דזשיקע־גאַס, צווישן ניסקע און נײַע־מילע. ער איז געווען דער נגיד פון דעם הויף, יעדן ראש־חודש איז ביַי אים אין הויז געווען אַ חסידישע הוליאַנקע, ווו עס האָט זיך געגאָסן בראָנפן ווי וואַסער און די חסידים האָבן געטאַנצט מיט פאַרקאַטשעטע פאָלעס און האָבן געזונגען חסידישע ניגונים.

אַנטקעגן איבער דעם קוילנהענדלער האָט געוווינט דער פאָוואָנזקער רבי, אַ ייִד וואָס איז געווען אַ רבי פון וויַיבער, ד"ה, אַז וויַיבער פלעגן צו אים קומען מיט קוויטלעך. ער איז געווען אַלט, פאַרלאָזן, פאַראַליזירט אויף איין זיַיט און שטום. זומער פלעגט ער אַרומגיין אין הויף אין אַ שטריַימל, אָן אַ קאַפּאָטע, מיט אַ גרויסן טלית־קטן מיט די ציצית כמעט ביז דער ערד, מיט אַ גראָבן שטעקן אין דער האַנט. אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט, צי ער דאַוונט, צי ער רעדט, צי ער בענטשט, צי ער שעלט. פון ציַיט צו ציַיט פלעגן נאָך אַ מאָל קומען צו אים עלטערע וויַיבער מיט קוויטלעך און אַ פּדיון — פון די אַלטע חסידים, מין הסתם.

אויף דעם ערשטן שטאָק איבער דעם פּאָוואָנזקער רבין, האָט געוווינט אַ סטודענט פון מעדיצין, מיט זיַין מוטער און אַ שוועסטער, אַן עלטערע „פּאַניענקע", אויף וועמען מען האָט געמורמלט, אַז אין איר איז פאַרליבט אַ רוסישער אָפיציר.

וויַיטער האָט אויף דעם הויף געוווינט שלמה דער דראָשקאַזש, וואָס האָט געהאַט צוויי דראָזשקעס, צוויי פאָר פערד און אַ משרת. דער משרת פלעגט קריגן פינף גילדן אַ וואָך שכירות, אָבער געלעבט האָט ער אַזוי בכבוד ווי זיַין בעל־הבית. ווען מען האָט געפרעגט דעם דראָשקאַזש: ר' שלמה ווי אַזוי מיינט איר קען איַיער משרת אַזוי לעבן פאַר פינף גילדן אַ וואָך? ער מוז אוודאי גנבענען? האָט ער געענטפערט מיט אַ געלעכטער: וואָס הייסט פינף גאָלדן אַ וואָך? ווער קען דאָס לעבן מיט פינף גילדן אַ וואָך? דאָס גיב איך אַ צוקאָג צו דעם, וואָס ער גנבעט. מיַין משרת איז אַן ערלעכער ייִד.

די איבעריקע אין הויף זענען: אַ דאַמסקע שניַידער, אַ האַלב שטומע אַלמנה, וואָס איז געגאַנגען בעטלען; אַ ליטוואַק, וואָס האָט געגעבן מעשה ביכלעך צום לייענען; אַ משרת אין אַ מעלהאַנדל; אַ משרת אין אַ באַקאַליַי־געשעפט. דער דאָזיקער „מענטש" איז געווען אַ ביאַלער חסיד: ער האָט געהאַט אַ ייִנגל, מרדכי־נח, מיט אַ וויַיס קעפּל, מיַינער אַ חבר, און אַ מיידל, וואָס איז געוואָרן משוגע נאָך אַ קראַנקייט און פלעגט עסן פונעם מיסטקאַסטן, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן הויף. אַנטקעגן האָט געוווינט אַן אַלמנה, וואָס איר טאָכטער האָט געניַיט הענטשקעס אויף אַ האַנט־מאַשינקע, בשותפות מיט מיַין עלטערער שוועסטער.

אַזוי איז געווען צוזאַמענגעשטעלט דער הויף, וווּ איך האָב פאַרבראַכט די ערשטע באַוווּסטזיניקע יאָרן פון מיַין לעבן.



יוסף קירמאַן

# הונגער



(אַ פראַגמענט)

אַ ברויטל פון שוואַרצן מעל, וואָס האָט נישט דערוואוגן צוויי פונט אפילו,
האָט מיין טאַטע פאַר דעם גאַנצן הויזגעזינט אויף אַכט חלקים אויסגעטיילט —
אַן אָנבייסן פאַר אונדז.
און אַז ס'האָט די מאַמע אין דער שטיל אָפּגעגעבן איר חלק ברויט די יינגסטע פון איר לייב,
פאַר די מיט ווייבע ביינדלעך נאָך, וואָס זענען געקראָכן אויף דער ערד,
און אַליין פון שוואַכקייט געמוזט זיך לייגן אינעם בעט —
זענען מיר, די עלטערע פון שטוב, צוגעשטאַנען צו איר:
„מאַמע עס אַליין, מאַמע!"
גאַנצע טעג זענען מיינע ברידערלעך געזעסן ביי דער מאַמען אויפן בעט
האָבן אירע זאָרגן אויפגעזופּט ביי זיי אין בלוט,
פון אירע רייד זענען אַלט געוואָרן זייערע פּנימלעך און געל
און נישט געגלוסט האָט זיי זיך לויפן שפּילן אויפן הויף.
זענען זיי נישט איין מאָל אָן דער מאַמעס ווילן אַוועק אין די גרויסע סקלאַדעס פון האָלץ
שפּענער קלויבן אין אַ זאַק,
אין גרויען אויפדערנאַכט האָט די מאַמע ס'האַרץ זיך אויסגעבלאָזן,
אינעם קאַלטן פייער פון דער קיך די שפּענער צו דערברענען,
און נישט געקאָנט מיט אויפגעשוואָלענע אָדערן אין האַלדז
דערוואַרעמען ס'קאַלטע וואַסער אינעם טאָפּ.
זענען די ברידערלעך מיינע, ווי לויזע זעק, צוגעפאַלן צו אירע פיס
און אַזוי איינגעשלאָפן אין די קליידער אויף דער ערד.
אַז די שווערע האַנט דער נויטס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזער קאָפּ
זענען אַלע מיר — ווי פייגל אויפגעשוידערטע אין שרעק —
צעלאָפן פון דער היים.
מיינע שוועסטערן — יונגע מיידלעך נאָך, מיט ווייסע צאַרטע הענט,
מיט צעקעמטע גלאַטע האָר, פאַרפלאָכטענע אין שוואַרצע צעפּ האָבן זיך פאַרדינגען אין דער פרעמד,
הינטער טירן פון אַ פרעמדן הויז.
מיינע ברידערלעך זענען נאָכגעלאָפן וועגענער אין גאַס
און נישט איין מאָל ביים אַראָפּכאַפּן אַ שטיקל קויל, אַ טשאַפּע האָלץ,
אַ שמיץ געקריגן פון אַ בייטש,
אַז ס'זענען זיי אויפגעלאָפן די פּנימער און הענט
מיט בלויע ריטלעך — אָדערן פון בלוט.
מיין טאַטע איז אַוועק אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל
און מיין מאַמע האָט דעם צער מיטגענומען,
פאַרשלאָסן אין דער ערד.



**אברהם טייטלבוים**

(פראַגמענט פונעם בוך „וואַרשעווער הייף")

# וואָלוווקע

אַנדערע טעג פֿול מיט דערוואַרטונג און האַרצקלאַפּעניש פֿאַר אונדזער קליינוואַרג אין הויף זענען געווען די פּאַרסכותדיקע, אָדער גיכער די פּאַרפּסחדיקע, ווען מען האָט געדאַרפֿט גיין אויף דער וואָלאָווע־גאַס קויפֿן אַ נײַע „אובראַניע" אָדער נײַע שיכעלעך אויף יום טוב. די „וואָלוווקע" איז געווען דער צענטער, ווו מען האָט געקאָנט קריגן פֿון כל־טוב און ביליקע, נײַע און איבערהויפּט גענוצטע קליידערוואַרג, היטלוואַרג און שיכוואַרג. מ'האָט זיך געקאָנט באַקליידן און באַשיכן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס פֿאַר אַ שיבוש. די „וואָלוווקע" האָט געהאַט אַ שם מיט אירע גרויסע מציאות, אָבער אויך מיט איר קאָמישער אָפּנאַרערײַ. פֿאַרשידענע מעשיות פֿלעגט מען נאָכדערציילן, ווי אַזוי איבּ די הענדלערס דאָרט האָבן אַרײַנגעקראָגן אַ „פּראָווינצער פֿרײַער", האָט מען אים „אויסגעמאַכט אַן אויער", און אַהיים געשיקט מיט די אמתע מציאות. די געוועלבער זענען דאָרט אַלע געווען ענגע, טונקעלע, אָנגעלייגטע מיט קופּעס סחורות. און ווען „אַזאַ איינער" איז אַרײַנגעקומען קויפֿן אַ קאָסטיום, למשל, האָט דער בעל־הבית פֿון געוועלב געגעבן אַ באַפֿעל צום ווײַב, אָדער צום משרת: „גיכער, גיכער, מאַך צו די טיר. די קאַץ וועט נאָך אַרויסלויפֿן". — דאָס האָט געמיינט, אַז אין געוועלב זאָל ווערן נאָך טונקעלער. און באַלד האָט מען זיך גענומען אָנמעסטן דעם קונה אַ קאָסטיום. מ'האָט אים גיך אָנגעטאָן עפּעס אַ מלבוש. איז עס געווען צו גרויס, האָט מען עס אים, אָנמעסטנדיק, פֿאַרשפּילעט פֿון פֿאָרנט און פֿון הינטן האָט מען צוגעהאַלטן דעם פֿאַלב וואָס מען האָט צוזאַמענגענומען. איז עס געווען צו קליין, האָט מען אומבאַמערקטערהייט אויפֿגעשניטן די הינטערשטע נאָט, כּדי דער פֿאָרנט זאָל זיך קאָנען פֿאַרקנעפּלען ווי ס'דאַרף צו זײַן. אַזוי האָט מען דעם קונה געדרייט פֿאַרן טונקעלן שפּיגל, געוויזן אים ווי גוט דער מלבוש ליגט אויף אים. געשווינד אויסגעדונגען דעם מקח, אײַנגעפּאַקט דעם מלבוש און אַהיים געשיקט דעם קונה מיט דער „מציאה". מ'האָט אויך דערציילט, אַז איבּ אַ קונה האָט נישט גוט אַכטונג געגעבן, האָט ער געקאָנט אַהיים קומען מיט אײַנגעקויפֿטע צוויי לינקע שיך, אָדער צוויי רעכטע שטיוול.

אָבער דאָס זענען אַלץ געווען וויציקע איבערגעטריבענע מעשיות, וואָס די גרויסע האָבן ליב געהאַט צו דערציילן. דער אמת איז געווען, אַז די הענדלערס דאָרט זענען געווען פֿלינקע בריות, וואָס האָבן געפֿירט זייערע מציאה־געשעפֿטן מיט ברען און געפֿילדער. אַ גילדן אַרויף, אַ גילדן אַראָפּ, אַבי געהאַנדלט, אַבי געלייזט, אַבי געקויפֿט און פֿאַרקויפֿט וואָס דאָס האַרץ האָט נאָר געגלוסט, און וואָס אַ מויל האָט געקאָנט אַרויס־רעדן. אַלטע זאַכן, נײַע, איבערגעניצעוועטע און פֿאַרריכטע.

און נאָך מער ווי די מענער, זענען געווען בריות די ווײַבער־הענדלערקעס. דאָס זענען געווען ספּריטנע, געזונטע ייִדענעס, מער־סטנס אין לאַנגע זשאַקעטן, אונטער וועלכע ס'האָבן געהאַנגען לע־דערנע בײַטלען מיט דעם אײַנגעלייזטן געלט. מיט שייטלען אויף די קעפּ און שאַרפֿע לעבעדיקע אויגן, וואָס האָבן געקאָנט דערקענען דעם ריכטיקן קונה אַ מײַל פֿון דער ווײַטנס. און אַ מענה־לשון האָבן אָט די הענדלערקעס געהאַט, אויף חידושים צו גיין. זייער שפּראַך איז געווען פֿאַרביק, געדיכט און קלינגענדיק. מערסטן טיילס איז זייער אָרט געווען אין גאַס, נעבן די געוועלבער, בײַ די אויסגעשטעלטע טישלעך, וואָס זענען געווען פֿאַרלייגט מיט פֿאַלטענעס, רעקלעך, הויזן, היטלען, העמדער, שיך, שטיוול, קאָלירטע פּאַטשיילעס און קינדערשע „אובראַניעס". זיי האָבן תּמיד געפֿירט אַ טאָפּלטן געשפּרעך. דאָ מיט די קונים, וואָס האָבן באַטאַפּט די סחורות:

„פּאַניע לעבן, עץ „געשוועלט" ענק ניש, טאַ לאַץ ליגן, און הײַדאַ געגאַנגען!"

— און דאָ מיט די שכנישע ווײַבער הענדלערקעס פֿון איבערן וועג. אָנפֿילנדיק די גאַנצע גאַס מיט דעם רעש און געפֿילדער פֿון זייערע רופֿן און ענטפֿערס.

פֿאַר אונדז קינדער איז גיין אויף דער וואָלאָווע געווען אַן איבערלעבונג, אויף וועלכער מ'האָט געוואַרט חדשים לאַנג. אַרומגיין מיט דער מאַמען אָדער מיט אַ שוועסטער פֿון געוועלב צו געוועלב, זיכן אָנמעסטן, אָנטאָן און אויסטאָן, זיך אײַנהערן אין די אײַנגערעדעניש, מיט וועלכע די הענדלערקעס האָבן געזוכט צו באַווײַזן וואָס פֿאַר אַ טײַערע סחורה, און וואָס פֿאַר אַ ווילדע מציאה דאָס איז. כאָטש כמעט תּמיד איז אַזאַ גאַנג געווען פֿאַרבונדן מיט אַ סך קינדערשע האַרצווייטיק און טרערן. תּמיד איז אָנגעגאַנגען דער שטענדיקער קאַמף: די מאַמע האָט אָנגעזאָגט אויסצוקלײַבן, אָדער האָט אַליין אויסגעקליבן אַלצדינג מיט צוויי מאָסן גרעסער — ס'זאָל זײַן אָרט פֿאַר וואַקסן... האָט מען אָנגעטאָן אַ קאָסטיומל, וואָס איז אָנשטאָט געלעגן, געהאָנגען פֿון די קינדערשע פּלייצעלעך, די אַרבל האָבן זיך נאָכגעשלעפּט, און ס'האַרץ האָט געקלעמט: ווי אַזוי וועט מען זיך באַווײַזן אין דעם פֿאַר די איבעריקע קינדער אין הויף...

האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שטילע, טרערנדיקע דינגעניש מיט דער מאַמען אָדער שוועסטער, זי זאָל רחמנות האָבן און הייסן זיך געבן אַ קלענער קאָסטיומל, אָדער אַ קלענערע פּאָר שיכעלעך. אָבער אויסגעפֿירט האָט תּמיד די אויסרעכענונג, אַז אַ ייִנגעלע שטייט נישט אויף אַן אָרט. מען וואַקסט און מען ווערט גרעסער. די איינציקע טרייסט איז נאָר געווען, וואָס יום־טוב, ווען מען האָט זיך שוין קוים דערוואַרט אָנצוטאָן די נײַע זאַכן פֿון דער „וואָלוווקע", און זיך באַווײַזן מיט זיי אין הויף, האָט מען צו דער גרויסער פֿרייד דערזען, אַז אַלע קינדער דאַרפֿן וואַקסן, און אַז אַלע מאַמעס האָבן אין זינען אָנצוגרייטן אָרט פֿאַר דעם אין די אַ ביסל נאָכהענגענדיקע אַרבעלעך, אָדער גרעסערע שיכעלעך...

בינעם העלער (ווארשע)

# דאס יינגל פון פאוויע

אין ווארשעווער הייפן אן גרינס און אן בלומען —
ווי שנעל איז געלאפן א זומער נאך זומער!
א פריילעכער טומל איז שטענדיק געשטאנען,
פון מיידלעך, וואס שפילן אין ראדענעראנע,
פון יינגלעך, וואס זינגען אין שול און אין חדר,
פון שניידערס, וואס זינגען ביים נייען די קליידער,
פון קלעזמערס, וואס שפילן אויף פידלען און פלייטן,
פון בלעכערס, וואס שרייען: „פאריכטן, פארלייטן!"

אין איינעם א הויף האט געוווינט אזא יינגל —
מיט ליכטיקע אויגן, אויף שרויפן א צינגל.
אין שול איז דאס יינגל דער תלמיד — דער בעסטער
און צווישן חברים — דער שטיפער, דער גרעסטער.
ווו נאר ער פלעגט קומען, פלעגט פריילעכער ווערן,
דער וויינער אפילו פלעגט שמייכלען דורך טרערן.
פאר אלעמען איז ער געוועזן א חבר —
אזא איז געווען דאס יינגל פון פאוויע.

געקומען דער נאצי, פארמאכט אלע גאסן,
געקומען, באפוילן די יידן צו האסן.
קיין ברויט און קיין ליכט זאל נישט זיין אינעם געטא,
נאר קינדער, וואס בעטלען אין פראסטיקן וועטער.
און טאטעס, וואס ליגן געשוואלן פון הונגער,
און שוועסטערס, וואס שפייען אין בלוט אויס די לונגען,
און מאמעס, וואס זינגען מיט ליפן פארשמאכטע
דאס ליד פון דער נויט אין דעם געטא פארמאכטן.

דאס יינגל פון פאוויע ווערט בלאסער און בלאסער.
אויף שטילן דעם הונגער איז וויניק דאס וואסער,
אויף שטילן דעם הונגער איז וויניק דער צארן —
זיין שמייכל איז לאנג שוין פארלאשן געווארן.
ער ווייסט, אז מען דארף זיין דרייסטער און פלינקער —
עס גייען טראנספארטן אוועק קיין טרעבלינקע,
ער ווייסט, אז עס גייען אוועק מיטן פייער
די טאטעס, די מאמעס, חברים געטרייע.

נאר פלוצלינג צעטראגט זיך א ליכטיקע בשורה:
עס שטעלט זיך דאס געטא אנטקעגן מיט גבורה!
עס פאלן פאשיסטן אין קאמף מיט די יידן
און סיפלאטערט א שטאלצע די פאן פון מרידה! —
דאס יינגל פון פאוויע רייסט זיך דורך רויכן,
ער שפרינגט איבער חורבות און ווערט נישט געשטרויכלט.
ער קומט אינעם שטאב פון די קעמפערס און מעלדעט:
כ'וויל לעבן, לעבן און שטארבן — א העלד צווישן העלדן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישטא יענער הויף שוין, נישטא שוין די פאוויע.
און ווו איז דאס יינגל — דער גאלדענער חבר?
קאן זיין אז ער לעבט, אז ער איז דא פאראנען,
אלץ איינס — לאמיר איצט אים מיט ערע דערמאנען.
דער שונא איז טויט און דאס לעבן דאס נייע
מיר האבן באקומען אין קאמף און אין פייער —
מיר וועלן דעם אנדענק פון העלדן באערן —
ביים הייליקן אנדענק — מיר שווערן, מיר שווערן!

ב. שלעווין (פּאַריז)

# „געווען איז עס נעכטן“

(פראַגמענט)

קאַפּיטל 4

מיט אַ יאָר דרײַ צוריק אָן ערך, האָט זיך די קלײנע סטערקע אומגעריכט געהאַט אַראָפּגעיאָוועט פון פּילעוו אויף די אַנדערע טעג סוכות צו דער עלטערער, אויסגעגעבענער שוועסטער, וואָס האָט געווינט אויף אַ טומלדיקן דורכגאַנג־הויף צו די נאַלעווקעס.

אַזוי זיך, אין געסט איז זי אַ ביסל אַראָפּגעקומען, און האָט שוין פאַר איין וועגס מיטגעברענגט פונעם טאַטן, וואָס פאַרקויפט דאָרט קאָזע־מילך צו די דאַטשניקעס, אַ שאָק אייער, אַ סמעטענע־קעזל און אַ בריוול מיט „קאַטשערעס און לאָפּעטעס“...

דאָס מײדל מיט די צעפלויגענע צעפּלעך האָט געטראָגן אונטערן גערדיכטן רעגן אַ צעקנייטשט שטרויען קײשל, געריסן די גלעקלעך בײַ אַלע פאַרמאַכטע טירן פון הויף און נאָכגעפרעגט זיך בײַ יעדערן ווו עס ווױנט דאָ ערגעץ חיים־הערש צוויק, אַ דאַמען־שנײַדער.

קיינער האָט אָבער נישט געוווּסט ווו עס ווױנט דאָ אַזאַ איינער; ביז די ייִדענע פון הערינג־געוועלבל פון פאָרנט האָט איר צוריק אַרײַנגעוויזן אין טויער, אויפן צווייטן הויף, ווו ס׳איז געהאַנגען אַן אָפּגעריבן שילדל מיט אַן אויפגעמאָלטער שער. דאָס מײדל האָט אַ מאָל־צוויי אַ טויש געטאָן דאָס קײשל פון איין פאַרמאַטערטער האַנט אין דער אַנדערער און האָט זיך שיער נישט אַראָפּגעגליטשט פון די צוויי־דרײַ טרעפּלעך.

דעם שוואָגער האָט זי דאָ צום ערשטן מאָל אָנגעקוקט פאַר אירע אויגן.

מיט קנאַפּע דריטהאַלבן יאָר צוריק האָט די שוועסטער פּלוצים אַהיים געשריבן, אַז די שפּאָגל־נײַע זינגער־מאַשין איז שוין באַלד אינגאַנצן אויסגעצאָלט און אַז די אַנדערע וואָך גייט זי שטעלן אַ חופּה מיט אַ וווּיל ייִנגל, אַ פאַרדינער — זיי קענען זיך שוין שיינע יאָרן, חיים־הערש רופט מען אים, אַ דאַמען־שנײַדער. זי געדענקט אַפילו ווי דער טאַטע, דער קלײנער פאַרהוּיקערטער ייִד, האָט זיך דעמאָלט לאַנג געקליבן אַרײַנצופאָרן קיין וואַרשע אויף דער חתונה פון דער מיטלסטער טאָכטער און — האָט זיך נאָך עד־היום נישט אויסגעקליבן אָנצוקוקן אַפילו דאָס אייניאָריקע אייניקל זײַנס...

פון דער גאַליאָרקע, נידעריק איבערן קאָפּ האָט עס טאַקע פּונקט אַראָפּגעווײנט, דאָס אייניקל. פון דער מאַשין־אָוועק האָט זיך געהאַט אויפגעהויבן אַ רירעוודיקער יונגערמאַן, אַ נישט־געגאָלטער, מיט אָפּגעדעקטע האָריקע הענט. ער האָט אויסגעשפּיגן אַ גאָרן, וואָס ער האָט געקײַט, און ער האָט נישט געוווּסט בײַ וואָס אָנצוהייבן אויפן פרעמדן מײדלס הײמישן נאָכפרעגן זיך.

— ווו איז עפּעס דבורה, ווו? — האָט זי זײַטיק אַ שיקל געגעבן צו דעם, וואָס האָט געזאָלט הייסן חיים־הערש און האָט געזאָלט זײַן אירס אַ לײַבלעכער שוואָגער. — זע נאָר ווי ער מאַכט זיך עס גאָר נישט וויסנדיק... דאָס קינד ווערט דאָרט אויבן שיער נישט צעריסן...

דאָס קײשל איז שוין געווען אַוועק געשטעלט.

— חיים־הערש! — האָט זי אים אַ וועק געטאָן פון אומבאַהאָלפענעם פרעמדן שמייכל — דערלאַנג מיר נאָר אַרויף ס׳פּלעשל, גיכער...

זי איז שוין געשטאַנען מיט איין פוס אויפן לייטערל, אַ הייַמישע, אַן אַלטע באַקאַנטע, נאָר בײַם יונגנמאַן האָט זיך נאָך אַלץ געשטאַנט אַ פרעמדער שמייכל, ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקענט צוגלייבן:

— און איר, ס׳הייסט... דו, ביסט אוודאי סטערקע — האָט ער באַלד פאַרשטאַנען — וויפל דבורה האָט עס מיר נישט אַנדערציילט פונעם מזיק. דאָס האַרץ האָט מיר אָבער גלײַך אַ „טשאַסקע“־געטאָן, כ׳האָב אָבער באַלד געוואָלט זאָגן. אַקוראַט ווי אויף דער פאָטאָגראַפיע... נו, וואָס זשע מאַכט ער עפּעס דער טאַטע?

זי איז געקראָכן אויפן נידעריקן לייטערל צו דער גאַליאָרקע, מיטן פּלעשל אין דער האַנט, אײַנצושטילן ס׳קינד, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו רײַסן זיך אונטערן סופיט, און צו אים האָט דאָס שקאָצעוואַטע מײדל אַראָפּגערעדט מיט אַ לאַכעלע:

— דער אַלטער, פרעגסטו? ער פאַרקויפט קאָזע־מילך. ער גרייט זיך איצט, אויף דער עלטער, נאָך אַ מאָל חתונה צו האָבן. שפּילט זיך עפּעס וואָס „זיי“ זענען...

די אמתע קוויטשעניש האָט זיך אָנגעהויבן, ווען די שוועסטער אַ ביסל אַ דיקלעכע, ווי אַלע ווײַבלעך, אַ יאָר צוויי נאָך דער חתונה, איז, צוזאַמען מיטן רעגנדיקן פאַרנאַכט, אַרײַנגעפאַלן פון דער גאַס. זי איז נאָר אַזוי אַרויסגעלאָפן אײַנקויפן אויף יום־טוב און האָט זיך פאַרזאַמט מער ווי אַ האַלבן טאָג.

— ווי איז מיר! — איז זי אריַינגעפאלן — דאָס קינד האָט זיך שוין אוודאי, נעבעך, גוט אויסגעריסן ס'הערצל!

חיים־הערש האָט זיך פארטיַיעט א שאר געגעבן צו דער טיר:

— קוק נאָר אָן ווי פאריאכמערט! מ'האָט עס שוין איַינגע־שטילט אָן דיר. זע נאָר בעסער, דבורה, וואָס פאר א גאסט מיר האָבן ביַי אונז, מ'אזוי ביידע לעבן...

זי האָט א בלאָנדזשע געגעבן ארום די ווענט, וווּ ס'זענען גע־האָנגען עטלעכע אויסגעפארטיקטע שטיקלעך ארבעט און דריַי בלעטלעך פון אן אויסגעפליקטן מאָדע־זשורנאל. זי האָט אָבער קיי־נעם נישט געזען. נאָר פון דער גאליאָרקע איז שוין פון פריִער גע־האט פארלאָפן א קוויטשיק געלעכטערל. דאָס מיידל איז פלינק ווי א קאַץ, געקראָכן פון דער לייטער אראָפּ. ביַי דער שוועסטער דבורה, האָט זיך אויסגעקרומט דאָס פנים, אקוראט ווי מען וואָלט דער גע־שטאָרבענער מאמען נאָך א מאָל אוועקגעלייגט מיט די פיס צו דער טיר.

— זע נאָר, די ווילדע קאָזע, סט'אזוי לעבן... פון וואַנען האָסטו זיך פלוצים אראָפּגעיאָוועט אויף דער גאליאָרקע?

— כ'בין היַינט אין דער פרי געקומען צופאָרן מיטן „סאמאָ־כאָד". ס'האָט זיך מיר אזוי פארגלוסט און — שוין...

— זע נאָר אָן ענטפערן, סט'אזוי לעבן... און דער טאטע וואָס מאכט?

— גאָר נישט. ער פארקויפט קאָזע־מילך. כ'האָב מיטגעברענגט א קעזל מיט א שאָק אייער. אין פילעוו קאָסט עס א גאָרנישט מיט א נישט. שוין איַינגעשטילט דעם תכשיט דיַינעם. מאמע פארדאָסטע, לויפט אוועק און לאָזט עס, נעבעך אָפּריַיסן ס'הערצל...

די עלטערע שוועסטער האָט זיך ארומגעקוקט מיט א ניַיגעריקן בליק, זשמורענדיק אן אויג, גענוג צופרידן:

— נו, נישקשה... מעגסט זיך דאָ אָפּשערן די צעפּלעך, ס'איז נישט „מודיש" אין ווארשע. שלינגסט נאָך היַינט אויך די ביכלעך? פארקאָכט זיך... שא, ווארט נאָר, און יִינגעלעך האָסטו שוין עפּעס? — א מויד! וויפל, דאכט זיך, אז אין ניַינצטן גייט דיר שוין?

אונטערן ניַיגעריקן בליק פון דער שוועסטער, האָט דאָס מיידל גליַיכגילטיק געשיקלט מיטן אויג, געגראבלט זיך אין קיישל ארום די אייער, דאכט זיך נישט געהערט די שוועסטערס רייד, נאָר גע־ענטפערט האָט זי דווקא זייער שפּיציק, ווי זי האָט עס ליב געהאט:

— יִינגלעך, פרעגסטו? — אזוי ווי די הינט... און וועגן די צעפּלעך איז — ווי מיר וועט זיך נאָך פארגלוסטן...

די צעפּלויגענע צעפּלעך זענען איר נאָך זייער א שאָד געווען. זי האָט זיי לאנג געצוואָגן פארן שלאָפן גיין אין א שיסל ווארעם וואסער מיט נאפט, פארפלאָכטן זיי אקוראטנע פארן אויסגעבויגע־נעם שפּיגל און האָט נישט אויפגעהערט אָנצודערציילן זיך, אין איין אָטעם, אלע וויכטיקע פּאסירענישן פון פילעוו:

— צוויי ניַיע „מאשינעס" גייען שוין היַינט קיין ווארשע. פרעגץ נישט, מיט די באלעגאָלעס ממיתט מען זיך, שיער נישט צום טויט! משהלע קוזמירערס מויד, לאהטשע, האָט זיך שוין נאָך א מאָל אָפּ־געטריבן... „שפּרינצע" האָט שוין, מיט מזל, געברענגט א ניַיעם דור קאָזעלעך אויף דער וועלט. דער טאטע קוועלט גאָר אָן פון זיי

באלד באגינען פאָרעט ער זיך ארום זיי, לייגט זיי אונטער א ביסעלע היי. דער נחת איז אים, זעט אויס, ליבער פון דיַינעם. כי־כי...

אינדרויסן האָבן געגאָסן רעגנס. אין די לעצטע טעג יום־טוב איז דאָס מיידל מיט די צעפּלויגענע צעפּלעך געשטאַנען פארן טויער און צוגעקוקט זיך צו דער שפּאַצירנדיקער גאָס. אונטער אויפגע־שטעלטע פאראסאָלן זענען דראָבנע מיידלשע פיס געשפּרונגען אי־בער די פארגאָסענע טראַמוויַי־שינעס. אין פארכמארעטן טאָג, האָבן איבערן טעאטער „סקאלא", אין דער קווער־גאס, אראָפּגעלויכטן צוויי רונדע עלעקטרישע לאָמפּן, שפּיגלענדיק זיך אין די וואסערן אויפן ברוק. ארבעטער, אין וואָכנדיקע קליידער, האָבן זיך גע־שטופּט אין דער קרומער טיר פון א קליין, פארויכערט קאַוויאַרניעלע קעגן איבער.

פאר נאכט האָט זיך גענומען לײַטערן. די ענג־צוזאמענגע־קוועטשטע מויערן, אראָפּ־גאס, זענען אינערהעלפּט געווען אָפּגע־גאָסן מיט א בליַיכן בראָנז. די שמאָלע גאס איז ביז ארויפצו גע־דיכט פארפּאקט געווען פונעם שפּאַצירנדיקן עולם. די צעצונדענע שטאָטישע ליכטער האָבן ראָז געמאכט דעם הימל, וואָס איז גע־האָנגען נידעריק איבער די אָפּגעהאקטע דעכער.

ביַי נאכט האָבן דעם מיידל, ווי גרינגע הארבסט־פליגעלעך, גע־ביסן די אומרויִקע חלומות. זי האָט זיך געוואָרפן אויפן היציקן געלעגער אונטערן סופיט אויף דער גאליאָרקע און שווער האָט זיך געקלעפּט צו איר דער נעפּלדיקער שלאָף.

איבערגעוועקט האָט איר אלע מאָל דער אויסגעצויגענער קוויטש איבער די טראַמוויַי־שינעס. געוויינלעכע, וואָכעדיקע אינ־דערפריִען. אונטער דער גאליאָרקע רוישט הייזעריק די ניימאשין, פרעמדע גיכע רעדערײַען. דער געזעל צעבלאָזט דעם פרעסאײַזן ביַי דער אָפּן־געלאָזענער טיר, א צוג־ווינט דרייט זיך אין דער ענגעניש. נאָך איידער די אויגן קלעפּן זיך אויף, קריכן נאָך א מאָל אָן דער שוועסטערס נעכטיקע און אייערנעכטיקע טענות אין קאָפּ אריַין.

— ביסט שוין יאָ דאָ — זאָגט זי — טאָ זע, העלף כאָטש צו אין שטוב, לערן זיך כאָטש אויס ווי אזוי צו האַלטן א נאָדל אין האנט. וואָסי? וועסט אפשר צוריק אהיים פאָרן קיין פילעוו, ארומ־טריַיבן זיך מיטן טאטנס קאָזעס. ער וועט זיך דאָרט „באדרייען" אָן דיר.

— פליט! ווּו פליט מען עס ארום גאנצע טעג און אָוונטן? אבי זי האָט זיך סקאָמפּאניעט מיט די מיידעלעך פון הויף און — שוין! זיי וועלן דיר אפשר געבן צו עסן אויך? דו ווייסט נישט, אז דאָ טראכט יעדערער נאָר פאר זיך. אוודאי, אין „פאוויאַק" וועסטו שוין זיַין פארזאָרגט מיט א דירה און מיט קעסט... מ'איז אין שטוב, העלפט מען עפּעס צו. כ'קען זיך נישט אליין צעריַיסן, מיטן קינד אויף די הענט...

די לעצטע טענות האָט זי אויסגעהערט מיט א פּאָר אָוונטן פריִער, ווען זי איז א ביסל שפּעטלעך אהיימגעקומען. זי האָט פארברוגזט אוועקגעוואָרפן דעם בערעט, אויסגעשרויפט דאָס גאָמב־קעלע:

— גיין, זאָגסטו? כ'וועל גיין! וועסט מיר שוין מער נישט אָפּסטראַשן. כ'בין נישט געקומען אהער ניאַנטשן זיך מיט דיַינע קינדער. כ'וועל שוין סיַי־ווי גיין ארבעטן... אין א פאבריק.

און זי איז טאקע געגאנגען אויך.

אויפן הייסן געלעגער, אונטערן סופיט, האָבן איר די אומ־

רויִקע, מיידלשע חלומות אויפגעהערט צו מאַטערן. ס'האָט זיך נאָך אַ מאָל אַ שטעל געטאָן פאַר איר דער בײַטאָגיקער גערודער פון די טריקאָטאַזש־מאַשינען, אין ביידע פאַרוואָלקנטע פאַבריק־שטובן, אויף דער שווענטאָיערסקע. דאָס איבערשרײַען זיך פון די מיידלעך, די שפּולערינס, זייערע היימישע און פרעמדע לידער, וועלכע זי האָט דאָ צום ערשטן מאָל געהערט. אויף דער לעשנע, אָוונט־צײַט, איז דער לעבעדיקסטער שפּאַציר־גאַנג — דער פאַרפּאַקטער טראָטואַר, די אומלעגאַלע בערזע פון טעקסטיל־פאַראיין. קיינער דערהערט נישט, אונטערן שטילן שנייעלע, וואָס שיט, ווי פאַרן שאַרף־באַלויכטענעם קינאָ באַקלאָגט עפּעס אַן אַקטריסע מיט לירישע קוויטשן, דעם ערשטן געליבטן אירן, וואָס איז שוין ווײַט, זייער ווײַט...

אין דער פרי גלוסט זיך זייער נישט אַראָפּצוקריכן פון דער גאַליאַרקע. מען איז קעציש־פויל און אַזאַ זיסע מידקייט שלעפּט צוריק דעם קאָפּ אין דער אויסגעוואַרעמטער קישן. נאָר זי דערמאָנט זיך, קריכט פלינק אַרונטער, צו כאַפּן נאָך איין בליק אין שפּיגל, אײַנקוקן זיך ווי אַזוי ס'קליידט איר עפּעס דאָס יִנגלעריש־אונטערגעשוירענע קעפּל. אַ שווערער לאָק פאַלט איר איבער די קרומלעכע ברעמען, איבערן אויסגעשרויפטן גאָמבקעלע, איבערן חנוודיקן אויג, וואָס שיקלט אַ ביסעלע. דאָס גאָמבקעלע שמייכלט זייער דין. אַזוי האָט עס אויך געשמייכלט, ווען שימעלע, דער גאַנצער מאַכער אין דער פאַבריק, האָט, אין געשטופּ, בײַם אַרויסגאַנג, אַזוי אַ זאָג געטאָן צו איר מיט אַ לאַכעלע:

— חברטע, זי גייען אַ מאָל נישט אַרויף מיט דער דזשיקע? כ'גיי דעם זעלבן וועג, קען איך אײַך באַגלייטן אַ שטיקל...

און זי האָט נאָך דעם געהערט ווי די פאַבריק־מיידלעך האָבן אויף מאָרגן שטיל איבערגעוואָרפן זיך בײַ דער אַרבעט:

— ר'איז שוין איין מאָל „ריזעדיק", אָט דער שימעלע — אויסגעריסן־קלוג!... אונדזער פּאַך־קאָמיסיאַנט, „פּשעציעזש"... אַ קאָפּ דאָס האָט...

זײַן הילכיק, מעטאַלערן זינגען איז די מיידלעך זייער געפעלן.

— ער זינגט דאָך נישט — האָבן זיי געזאָגט — מיט קיין שיינער שטימע, אָבער דערפאַר — מיט אַזוי פיל האַרץ...

— ס'שאַדט נישט — האָט אַן אַנדערע אַוועקגעמאַכט — און דערצו איז ער נאָך יענער „סאָביעציאַזש" (פרויען־יעגער). דער קליינער רבקהלען האָט ער שוין אויך „אַוועקגעשטעלט"... היינט אַרבעט זי שוין בײַ וואַוועלבערגן. דאָס מיידל איז אויסגעגאַנגען נאָך זײַנע טריט...

מיט די מיידלעך פון דער פאַבריק האָט זיך סטערקע עפּעס נישט געקענט אײַנלעבן. זי האָט גאַנץ גוט געזען ווי זיי פאַרדריסט זײַטיק, וואָס שימעלע ווילט דווקא איר אויס בײַם אַרויסגיין פון דער אַרבעט. זי איז דאָ אַרײַנגעוואַקסן אין זיך, געוואָרן שטילער, סטאַטעטשנער. זי האָט זיך קיינעם נישט געוואָלט וואַרפן אין די אויגן, געזעסן און אויפגעוויקלט די פאַרפּלאָנטערטע פאָסמעס גאָרן אויף די קאָלבעס. אַרום איר איז געשטאַנען אַן אייביקער טומל, אַ געקלאַפּערײַ פון טירן אַ פאַרטויבטע גערעדערײַ. דורך פאַרשטויבטע שויבן האָט זיך דורכגעזיפּט דער ברודיקער ווינטער־טאָג. נאָך אַנאַנד האָט זי דאָ געפילט ערגעץ אַרום זיך שימעלעס שאָטן, זײַנע ברייטע פּלייצעס, זײַנע שאַרפע נאָז־פליגלען, זײַן נידריק־געשוירענעם קאָפּ, די ווײַסע, קוים־אָנזיכטיקע ברעמען און די האַרטע שטים וואָס האָט געוואַלדעוועט איבער די וואָלקנדיקע פאַבריק־שטובן צו אַלעמען, צום שעף אַליין אויך:

— פּאַניע שטעקער, די וואָל גייט אויס! זי איז, ווייסט איר געמיין, רײַסט זיך, ווי שפּינוועבעכץ.

אַ רירעוודיקער, אין אַ פאַרפּאַטשקעטער אַרבעטס־בלוזע, איז ער געווען אין אַלע טירן, צווישן די דורכגענג, וווּ די מאַשינען זענען צעשטעלט, געפרוווט מיטן בינט שליסלען די מוטערקעס און שרײַפעלעך. הינטער די מילך־שויבן, אין דער טיף פון די וואָלקנדיקע שטיבער, האָט אַ גאַנצן טאָג גערעשט דאָס ענגע קאָנטאָרל. אַז די שויבנטיר מאַכט זיך אויף, פאַרגראָבן זיך אַלע טיפער. צווישן די מיידלעך, די שפּולערינס, גייט איבער דאָס פאַרצויגענע ליד אין אַ מורמלערײַ. איין שימעלע פאַלט נישט אַראָפּ פון טאָן. זײַן שטים, דאַכט זיך, הילכט נאָך פעסטער, ווען דער באַלעבאָס שטעקער בלײַבט שטיין אין דער אָפענער טיר, ער באַמערקט אים אינגאַנצן נישט.

דער שטעקער איז טאַקע אַ חסידישער ייִד, כאַפּט זיך טאַקע אַ מאָל אַראָפּ צום גערער רבין, אָבער אַ הײַנטוועלטיקער, געקליידט „דײַטש". ער פאַלט אַרײַן בײַם פאַרענדיקן דעם אַרבעטסטאָג און טוט אַ רוף אויס זייער היימיש:

נו, קינדער, ס'קען שוין געמאַכט ווערן שבת!

אַלץ בלײַבט שטיין, אַלץ שפּאַרט זיך צו די טירן.

דאָס האָט ער צום אָנהייב פון ווינטער־סעזאָן געגעבן אָנצוהערן, אַז מיטן שטרײַק, וואָס וועט זיך באַלד אוודאי אַ שטעל־טאָן, וועט עס דאָס מאָל נישט זײַן אַזוי לײַכט, מען וועט זיך, הייסט עס, געגנוג אַרום אַמפּערן.

— איך ווייס נישט וואָס איר קלאָגט אַזוי, פּאַניע שטעקער — איז אים שימעלע נישט שולדיק געבליבן — אויפן מאַרק איז וואָל פעסט. און קיין באַשטעלונגען זע איך, פעלט אויך נישט. און אַז ברויט איז טײַערער געוואָרן מיט 5 גראָשן, ווייסט איר אויך מסתמה. נאָר גאָרנישט, אַז אָפּשטעלן, וועט זיך שוין אַלס פאַר אַ מאָל.

אַזוי קען ער אַ זאָג געבן אין שפּאַס, שימעלע, און אַרויסשטעלן אַ ברייט געלעכטער. ער פאַרוואַרפט ענערגיש אויף זיך דעם אָפּגעבליאַקעוועטן מאַנטל און שטופּט זיך מיט אַלעמען דורך דער טיר.

קאַפּיטל 5

ווען מען שיט זיך אַרויס, ברענען פאַר דער טיר עלעקטרישע לאָמפּן. אַראָפּ גאַס צינדן זיך אָן געלע און רויטע פײַערן. עס שיט נאָך אַלץ אַ גרינג שנייעלע. פאַרבײַ די ליכטיקע קעלער־שײַבלעך, צום טראָטואַר־אַרויס, לאָזט זי זיך גיין אַ ביסל אײַליקער, סטערקע. איבער איר שוועבט נאָך דער לעצטער, גאָלדיקער פריהאַרבסט אין שטעטל בײַ דער ווײַסל. טייל מאָל דערלאַנגט עס איר נאָך אַזאַ דינעם צופּ, ס'גייט אויף אַ פאַרגעסענע בענקשאַפט. די גרויסע, פרעמדע שטאָט דערדריקט. „ווי אַזוי קענען דאָ מענטשן לעבן?". זי וואָלט שוין אפשר פון לאַנג פאַרפּאַקט איר צעפּליקט, שטרויען קיישל, אָן אַ זײַ־געזונט אפילו, צוריק אַנטלאָפן צו יענעם גאָלדיקן פריִהאַרבסט בײַ דער ווײַסל מיט איינעם פון די פאַרבלאָטיקטע „מאַשינעס", וואָס פאָרן זיך יעדן פאַר טאָג אָן אויף פּלאַץ „בראָני" — ווען נישט דער ווײַטער שמייכל פונעם ענערגישן בחור. זי פאַרלאַנגזאַמט איר צעפּלאָנטערטן טראָט, ווײַל זי איז מאָדנע זיכער, אַז ער וועט זי באַלד, ווי יעדן אָוונט, אָניאָגן, זי וועט דערפילן זײַן ווייכן באַריר אַרום די אַקסלען און דאָס לאַכנדיקע פּנים, צעווינ־

טיקט, מיט אָנגעזעצטע שניי־טראָפּעלעך, וועט זיך אין איר אייַנקוקן און דערקענען עפּעס אין איר אומרויִקן בליק, אין איר בלייכן שמייכל. און זי? זי וועט נישט לייקענען אויך, זי וועט נישט פּרוּוון צו לייקענען, אַז זי איז אין אים אַ קליין, קליין ביסעלע פֿאַרליבט.

מיט יעדן באַריר אויפֿן ענג־פֿאַרפּאַקטן טראָטואַר ציטערט אין איר אויף. ער איז אַוועק, ער איז לעצטנס שטאַרק פֿאַרנומען. לאַנג איז זי אומגעשוווּמען איבער די טראָטואַרן פֿון דער אומלעגאַלער בערזע און געזוכט צווישן די אַלע ווייַטע פּנימער אַן איינגנס. זי האָט עס נישט געפֿונען. אַ ביסל צעבראָכן, האָט זי זיך אומגעקערט אַהיים. אין שטוב בייַ דער שוועסטער האָט זי זיך איצט כמעט נישט אָנגעזען — אַוועק באַלד אין דער פֿרי און אומגעקערט זיך שפּעט בייַ נאַכט.

זי האָט עטלעכע מאָל געפּרוּווט אַרויפֿקומען צו עדזשיען, וואָס שפּולט בייַ שימעלעס מאַשין — אַ בלייך מיידל מיט אַ גלאַטן שרונט איבערן נידעריקן שטערן. אונטער אירע וויִעס האָט זיך געלאָשן אַ הייסער אָפּגלאַנץ. די באַקן זענען פֿאַרמעט־ראָזלעך. ס'האָט געשלאָגן פֿון זיי אַ שטענדיקע הייסקייט. דרייַ יאָר איז זי אָפּגעזעסן אין תּפֿיסה, אין ווראָנקי. אַרויס איז זי דעם לעצטן פֿרילינג. בייַ דער אַרבעט האָט זי געשלונגען געלבלעכע פּילן, לאַנג זיך געקרעקט מיט זיי. יעדע וואָך כמעט האָט זי פֿאַרפֿעלט אַ טאָג אָדער צוויי אין דער פֿאַבריק. אַז זי איז אַ טאָג נישט געקומען, האָט זיך שוין סטערקע אַרויפֿגעכאַפּט צו איר געוווּיר ווערן.

— קראַנק! — האָט זי גערעדט מיט אַ מיד קול — פֿאַרקילט זיך אַנומלטן און אָט הוסט מען צוביסלעך. דער שטויב, נאַרעלע, זויגט אויס דאָס חיות ביסלעכווייַז.

איבערן ציכטיקן בעט איז דאָס לעמפּל פֿאַרשטעלט געווען מיט אַ ראָז שטיקל פּאַפּיר. זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס צעשיטע ביכל און געקוקט מיט אָנגעבלענדטע אויגן. איינע אַליין האָט זי דאָ געוווינט בייַ אַן אַלט פּאָרפֿאָלק. דאָ האָט סטערקע אַלע מאָל געטראָפֿן זיצן דעם באַברילטן יונגערמאַן, וואָס אַרבעט צוזאַמען מיט זיי אין דער פֿאַבריק. דער פֿריילעכער גלאַנץ פֿון זייַנע פּענסנע־גלעזלעך איז אין מיטן בעסטן געלעכטער אומעטיק געוואָרן. כמעט יעדן אָוונט האָט ער געשפּרייַזט אַהער מיט דער פֿינצטערער שטיג, אָנצוקוקן די פֿאַרחלשטע ליפּן פֿונעם קראַנקן מיידל. די טיפֿע שטערן־ווינקלען האָבן זיך בייַ אים געזילבערט.

— איר דאַרפֿט נישט אַזוי פֿיל אַרבעטן — האָט ער גערעדט צו איר אייַנגעהאַלטן — אַ צימער אין אָטוואָצק... פֿרישע לופֿט...

דאָס מיידל האָט געענטפֿערט מיט קאַרגע רייד. ער איז איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. פֿון דער פֿאַבריק, פֿון די פֿאַך־פֿאַרזאַמלונגען האָט ער זי אַלע מאָל באַגלייט:

— אַ שטילע היים חלומט זיך מיר, ביכער... מען ווערט מיד...

אַראָפּקומענדיק פֿון דאָרט האָט זיך סטערקע געפֿילט שוואַך און צוגעדריקט. זי האָט חשק געהאַט צו נעמען און אַנטלויפֿן אין שטעטל אַרייַן, אַוועקלאָזן זיך מיט די פֿאַרשנייטע בערג וואָס לאָזן זיך אַראָפּ צו דער ווייַסל. אָבער צו וועמען? אַז אַלע זענען זיך פֿון דאָרט צעלאָפֿן אין דער ברייטער וועלט אַרייַן, צו ווייַטע לענדער און שטעט. בלאָנדזשענדיק האָט זי זיך ווידער דערזען אויף דער בערזע. ס'איז געווען ליידיקלעך. אין „באַר מעטראָפּאָל" קעגן איבער, האָט זיך אין דער האַלבער נאַכט אַרייַן אויפֿגעכאַפּט אַ פֿרייַשער טאַנגאָ. עטלעכע אויסגעלאָשענע אויטאָס האָבן געוואַרט פֿאַרן ליכטיקן אַרייַנגאַנג. דאָ טרעפֿט מען אים אַלע מאָל שימעלען. ער שווימט איבער די אָוונטיקע טראָטואַרן און דערליידיקט אַלע פֿאַראיינס־ענינים. אַז סטערקע גייט פֿאַרבייַ וואַרפֿט ער איר צו אַ פֿאַרטוענעם שמייכל, אַ מאָל אַ וואָרט. ער פֿאַרשווינדט, באַווייַזט זיך שפּעטלעך און טרעפֿט זי ווידער.

— ס'איז שוין נישט פֿרי — לאַכט ער הילכיק — און ער דערפֿילט איר ציטעריקן אָרעם אין זייַנעם. איר קליין הענטל ליגט אין זייַן ברייטער דלאָניע. זי שמייכלט אַרויף צו אים:

— ווען נאָר מען זעט דיר ביסטו פֿאַרנומען.

— מען געהערט נישט צו זיך אַליין חברטע — ענטפֿערט ער שטרענג אָבער לאַכנדיק.

דעמאָלט גייט זי אַ שטיק וועגנס פֿאַרטראַכט און שטום. זי זוכט אַלץ ווערטער און געפֿינט נישט. זי וואָלט אויך געוואָלט זייַן „אַלע מאָל פֿאַרנומען" און „נישט געהערן צו זיך אַליין". דאָס שטייַפֿע פּרעסטל צערויטלט אירע באַקן. ס'איז איר אַלץ שווער צו געפֿינען רייד, זי שטיקט זיך מיט זיי.

— שוין לאַנג, נאָך זומער... כ'האָב געלייענט „זשאַן קריסטאָף". איז דאָרט אויך אַזוי: די היים ווערט צעפֿאַלן און קיין וועג זעט זיך נישט. אַ ביכל וווּ ס'רעדט זיך וועגן מוזיק און — אומעטיק.

— דאָ וווינסטו? — דערלאַנגט ער איר זייַן האַנט און פֿאַרהאַלט זיך נאָך אַ ווייַלע — כ'האָב געקענט אַזאַ ווי דו. געווען אַ שפּולערין בייַ מייַן מאַשין. יאָ, די פּראָווינץ... ווייסט וווּ איך וווין? פֿאַרבלאָנדזשע אַ מאָל וועלן מיר כאַפּן אַ שמועס. שבת בין איך געוויינלעך פֿרייַ.

און אין איינעם אַן אָוונט האָט זי פֿאַרבלאָנדזשעט צו אים. זי איז געשטאַנען אין דער מיט צימער אַ צערויטלטע, קומענדיק פֿון פֿראָסטיקן דרויסן. אַ ביסל שעמעוודיק האָט זי אים אונטערגעטראָגן איר האַנט. ער האָט געלאַכט מעטאַלערן און געפֿירט זייַנע פֿינגער איבערן נידעריק געשוירענעם קאָפּ. ער האָט אַראָפּגענומען פֿון איר דעם מאַנטל, געפֿונען צווישן די פֿאָרהאַנגען אַ קנעפּל און באַלד האָט זיך דאָס דאַכצימער אָנגעגאָסן מיט אַ העלער ליכטיקייט. ער האָט געברענגט טיי, ברויט מיט פּוטער און צוגערוקט זייַן שטול נענטער צו איר.

— עס — האָט ער זי פֿאַרבעטן צום אָרעמען מאָלצייַט — כ'האָב הייַנט אַ פֿרייַען אָוונט. שאַ, און מוזיק האָסטו עפּעס ליב? מאָרגן סטערקעלע, גייען מיר אין פֿילהאַרמאָניע אויפֿן פֿרימאָרגן־קאָנצערט. מען זיצט אויפֿן באַלקאָן, ווייַל קיין ביליקערע פּלעצער זענען נישטאָ... אין אויסגעלאָשענעם זאַל — איז ער געוואָרן טרוימעריש — צינדן זיך פּלוצים אָן אויף דער נידעריקער ראַמפּע רויטע פֿייַערלעך, גרינע פֿייַערלעך, בלויע פֿייַערלעך, ס'הערט זיך אַזאַ זיסע שטילע ברומערייַ. ערשט דערנאָך שטורעמט עס אויף. „פּער גינט". אין שטעטל האָסטו עס אוודאי קיין מאָל נישט געהערט וואָס?

מיט איין זופּ האָט ער אויסגעטרונקען דעם אָפּגעקילטן טיי און זיך פֿאַרוויקלט אין רויך פֿון אַ פּאַפּיראָס.

— כ'וויל אויך פּרוּוון פֿאַרציִען — האָט זי געבעטן.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צוקאָפּנס דער סאָפֿע און געלאָזן דינע שנירעלעך רויך דורך דער נאָז.

— געווען בייַ אונדז אין שטעטל — האָט זי דערציילט — איינער אַ סטודענט, אַ פּאַרטייעטער אַזאַ און גאַנצע אָוונטן — רוי־

כערט ער. „ס'באַרויִקט די נערוון" זאָגט ער. דערנאָך איז ער פּליצים פאַרשוווּנדן. פאָליציי האָט אים אַרומגעזוכט.

— נו, ס'וועלן איצט זײַן געווּג פרייע טעג — האָט ער אויפגעהערט אַרומצושפּרייזן — כ'וועל דיך מאָנטיק מיטנעמען אויפן פּלאַץ „באַנקאָווי", וועסטו אָנקוקן אַ מאַסע מעטאַל־אַרבעטער, טראַנספּאָרטלער, פּוילישע, ייִדישע. אָבער כ'מוז נאָך — האָט ער זיך געכאַפּט — דאָ ערגעץ אַראָפּלויפן. אַ פּאָדפּונקט. נאָך גוט וואָס כ'האָב זיך דערמאָנט. לייען עפּעס דערווײַל.

ווען ער האָט זי איבערגעלאָזן אַליין, האָט זי זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל סאָפע האַלב־צוגעלענט די אויגן לײַכט באַרוישט. פון הינטער דער וואַנט האָבן זיך געהערט עמיצנס שלעפּנדיקע טריט. צום לאָמפּ אין מיטן צימער איז געשוואומען אַ קליין וואָלקנדל רויך. ס'איז איר דאָ מיט אַ מאָל אַלײן אויסגעקומען אַזוי היימיש: דאָס נאַקעטע טישל, די באַנאַלע טאַפּעטן, דער קליידער־הענגער און דער אָנגעוואָרפענער שטוים ביכער אויף דער נידעריקער עטאַזשערקע. זי איז אַראָפּ, אויסגעלאָשן די עלעקטרע און פאַרשאַרט דאָס פאָרהענגל. איבער דער אָוונטיקער שטאָט האָבן זיך אומגעוויגט לאָמפּן, אויסגעלאָשן און צוריק אָנגעצונדן. הינטער שויבן האָבן רויִק געדרעמלט מושלינענע פאָרהענגלעך. שאָטנס האָבן זיך אָנגעהאָנגען, צערונען געוואָרן, אויף דער סאָפע האָט זי פויל דערטראַכט, אַז די שוועסטער וואָלט זיך אוודאי בייז פאַרקרומט ווען זי דערזעט איר איצט דאָ אין צימער בײַ אַ פרעמדן בחור. ס'איז איר דורכגעלאָפן דער ציטער ווי דעמאָלט, אין יענעם גאָלדיקן פרייִהאַרבסט בײַ דער ווײַסל, ווען דער פרעמדער סטודענט וואָס איז אַראָפּגעקומען פון די גרויסע שטעט, האָט זי געפירט געאָרעמט און זײַנע ליפּן האָבן אַ בלאָנדזשע געגעבן אַרום אירע.

ליכטיקע פלעקן האָבן זיך געוויגט פאַר אירע לײַכט־צוגעקלעפּטע וויִעס, די הימלעכע טונקלקייט האָט אײַנגעוויגט, אַנטשלעפּט. ווען זי האָט פּלוצים אויפגעמאַכט די אויגן האָט די עלעקטרע ווידער העל געברענט. די טיר איז געשטאַנען האַלב־אָפן און ס'איז קיינעם נישט געווען צו זען. אין צימער איז געווען אָנגעטראָגן אַזאַ קילע פרישקייט פון דרויסן. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום האַנטזייגערל. דער גרויסער ווײַזער האָט פאַרדעקט דאָס קלענערע אַ שטיקל איבערן צוויי. הינטער איר האָט זיך שימעלע שטיל און ווייך אַ צעלאָך געגעבן. זײַן נידעריק־אַרומגעשוירענער קאָפּ איז געווען פאַרגראָבן אין קישן. אין דער שפּעטער נאַכט האָט ער שטיל און זיס אַרויסגעזונגען, מעטאַלערנס איז געווען אין זײַן שטים. די צעשוווּמענע שטריכן אַרום זײַנע נאָז־פליגלען זענען געווען שאַרף. אַ שיכורלעכער נעפּל האָט געשוועבט איבער אים. זי האָט שוין מער נישט געדענקט אין דער שוועסטער, אין דער צעשאָקלטער גאַליאָרקע. זי האָט זיך געבעטן:

— זינג נאָך, זינג.

— ס'איז שפּעט נאַרעלע — האָט ער זי לײַכט אַרומגעדעקט.

צו דער שוועסטער איז זי שוין אויך צו מאָרגנס נישט געקומען שלאָפן. אין אַ שפּעטן פאַרנאַכט האָט זי אַוועקגעטראָגן איר שטרויען קיישל צו עדזשיען אין צימער. דאָס קראַנקע מיידל האָט דאָס מאָל לאַנג געקליבן זיך אַראָפּצוגיין. פון אירע צעפּודערטע באַקן האָט געשלאָגן אַ הייסקייט.

— ווּ וועסטו דען גיין אין אַזאַ זאַווערוכע — האָט איר סטערקע געוואָלט פאַרהאַלטן — לייג זיך, מען וועט דיר דאָס מאָל שוין מוחל זײַן...

— פאַראַנטוואָרטלעכקייט! — האָט זי נישט געוואָלט הערן — כ'וועל צוריקקומען שפּעטלעך. אָרדן דאָ איין. מ'עט שוין ווי נישט איז שלאָפן אין צווייען.

און דאָס קראַנקע מיידל איז אַוועק, אָנהוסטנדיק לאַנג אין פאָדערהויז.

די אומעטיקע ווענט האָבן אויך סטערקען אַרויסגעטריבן. די בערזע אויף דער לעשנע איז געווען ליידיקלעך. אומגעריכט האָט זי זיך ווידער געזען פאַרן זעלבן טויער ווו שימעלע וווינט. זי האָט נישט געוואָלט אַרויפקוקן צום פאַרהאָנגענעם פענצטער און דאָך האָט זי געכאַפּט אַ בליק סאַמע אונטערן דאַך איז עס געלעגן, אַ ליכטיקס אַ פאַרצויגנס. אין שניי־געסקריפּ האָט זיך נאָך אַ מאָל אויפגעכאַפּט פאַר איר די פרימאָרגנדיקע גאַס, ווען זיי האָבן זיך ביידע אומגעקערט פון קאָנצערט. ס'איז געווען זוניקער יום־טוב אויף די פאַרשנייטע פּלאַנטן אין די שטאָטישע גערטלעך און — דאָס אומרויִקע קלאַפּן פון אַ האַנטזייגערל אין אַ בײַנאַכטיק אויסגעלאָשן צימער. זי געדענקט נישט דאָס מיטנאַכטיקע קלינגען אין טויער און ווי דער נעפּלדיקער אָוונט איז אַריבער געדענקט זי אויך נישט.

דערנאָך אין ליכטיקן פרימאָרגן אויפן אַנדערן טאָג, איז פרייַדיק געווען צו גיין איבער די פראָסטיקע גאַסן און וויסן, אַז אין די וואָלקנדיקע פאַבריקס־שטובן איז שטיל, די פעדים וויקלען זיך נישט אין ברודיקן מאַגשײַן, וואָס פאַלט דורך די פענצטער. זי האָט אָנגעהויבן צו דערקענען די פאַרלאַנגזאַמטע טריט און די אומרויקייט פון די שפּאַצירנדיקע. זיי זענען דאָרט אָנגעקומען פון אַלע זײַטיקע גאַסן, צום אָפּגעשלאָסענעם רינגפּלאַץ. אַ פראָסטיקער טוי איז געהאָנגען אויף די אָפּגעוועלקטע קוסטן פון די גערטלעך. לײַכטע אויטאָס האָבן איבערגעלאָזן נאָך זיך אַ בלוי רויכל און צווישן אַט די רויכלעך, אויפן מיטן ברוק, האָבן זיך געפּלאָנטערט מענטשן, צו צוויי צו דרײַ אין אָפּגעטראָגענע קורטקעס, אין אַראָפּגערוקטע היטלען. אין איינעם אַזאַ אַראָפּגערוקטן דאַשיק האָט זי דערקענט שימעלען. ער איז גיך אַריבערגעגאַנגען די גאַס מיט נאָך איינעם, אַ העכערן פון אים. זיי זענען פאַרשוווּנדן הינטער דער שורה נאַקעטע קליאָנען. איז פאַרבײַ געגאַנגען און זיך נישט־וויסנדיק געמאַכט. פון דעסט וועגן האָט עס איר אַ קליין ביסעלע געאַרט. מיט אַ רגע שפּעטער האָט זי דאָ ערגעץ אין דער מיט אויפגעכאַפּט אַ קליינער טומל און אַ פאַרשטיקט געזאַנג האָט זיך אָפּגעריסן פון יענער זײַט גערטל. די טראָטואַרן זענען געווען אָפּגעליידיקט. אַ צונויפגעשטופּטע שוואַרצע מאַסע האָט זיך געשפּאַרט אין דער מיט פּלאַץ אַרײַן. זי איז געוואַקסן. אַ וואָרעמער רויט האָט אַ פלאַטער געגעבן אין דער לופטן.

אומגעריכט האָט זיך סטערקע דערזען צווישן אַלעמען. אַ בלײַכקייט האָט זי באַשלאָגן. געגאַנגען איז איר צו דערכאַפּן מיטן אויג דעם קענטלעכן קאַסקעט, וואָס איז דאַכט זיך געווען שימעלעס. די אויסרופן פון די פאָדערשטע רייען וואָס האָבן ביז אַרויפצו ביזן זאַקסישן גאָרטן פאַרשפּאַרט די גאַס האָט זי נישט באַלד דערהערט, נאָר העכער פון אַלץ האָט די פראָסטיקע לופט אויפגעציטערט פון „זאָל לעבן" און „נידער". בײַם פאָדערדריי האָט זי מיט אַ מאָל דערזען עדזשיען. יאָ דאָס איז זי געווען. איר בלאַסן פּראָפיל האָט אַרומגעזוימט אַ שוואַרצער לאָק. זי איז געווען פאַרוויקלט אין זעלבן בלויען אָפּגעטראָגענעם מאַנטל. אַ ביסל ווײַטער האָט דאָ ערגעץ געפלאַטערט אַ האַנט, אַ פּאָר ברילן זענען בײַ עמיצן אין געדראַנג אַראָפּגעפאַלן. צווישן אומעדרייטע פּלייצעס האָט זיך געפּלאָנטערט

אַ ברוינער הוט. פון סאַמע פאָרנט האָט מען זיך שוין אַ וויגנעטאָן אויף צוריק. דער ׳מיטן פון דער מאַסע איז פּלוצים געוואָרן ליידיקלעך צעשאָטן. אַרום די ווענט אַרום די אָפּגעשלאָסענע טויערן, זענען געבליבן אַזוי ווי צוגעקלעפּט אויפגעהייבענע פיס און הענט. ווײַס מיידלש אונטערוועש האָט ווי אַ טויב אַ פלאַטער געגעבן. אין דער לופטן האָט אויך געפלאַטערט קאַלטער שטאָל. זי האָט מער נישט געוווּסט צו וועמען די אויסגעשרײַען געהערן. אַלע דורכגענג זענען שוין געווען פאַרשטעלט פון אַט דעם בלענדנדיקן בליאַסק. דורך אַלע צווימען האָט מען זיך געריסן פון דאַנען. פיס, הענט, שטעקנס און אומגעוואַלגערטע פערד האָבן זיך אַ מיש געטאָן.

דערנאָך האָט זי ווידער דערזען לעבן זיך עדזשיען. זי איז געשטאַנען דעם קאָפּ פאַרוואָרפן צו די גאָרטן־שטאַכעטן אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים. דער אַראָפּגעפליקטער בערעט האָט זיך געוואַלגערט בײַ אירע פיס. אַזוי קלאָר און באַנג איז עס אַלץ פאַרבליבן, ווען מ׳האָט זיי אַלע שטאַרק באַוואַכט אַראָפּגעפירט צום טעאַטער־פּלאַץ.

## קאַפּיטל 6

מיט אַ לײַכטן קאָפּ־שווינדל איז סטערקע פאַר נאַכט געגאַנגען איבער די זעלבע טומלדיקע גאַסן. דינע שנייטראָפּעלעך האָבן געקלעפּט צו אירע וויִעס. עדזשיעס צימערל האָט זי אָנגעטראָפן ליידיק. די אומעטיקע ווענט האָבן איר צוריק אַראָפּגעטריבן פון דאָרט. זי איז געשוווּמען איבער די אָוונטיקע גאַסן און ס׳האָט זיך איר אַלץ פאַרגעדענקט דער פּראָפיל, אײַנגערעמט אין שוואַרצן לאָק. נאָך מיט אַ טאָג פריִער האָט זי געהערט, האָט מען אַ גאַנצע גרופּע אָפּגעפירט אין דער מאָקאָטאָווער תפיסה. אומקערן זיך צו דער שוועסטער איז נישט געווען נאָך וואָס. יענער לעצטער אָוונט איז שוין איצט געווען אַזוי ווײַט — דאָס שטילע צימערל אונטערן דאַך די מוזיק, דער זוניקער יום־טוב אויף די ראָזע שנייען, אין די קליינע שטאָטישע גערטלעך. זי האָט דערוואַרט אַז שימעלע זאָל איר הײַנט־מאָרגן אָפּשטעלן אויף דער בערזע, אָדער בײַם אַהיים גיין פון דער אַרבעט. ער וועט זי לײַכט אַ נעם טאָן אונטערן אָרעם און שמייכלענדיק אַ פרעג געבן: „נו, ווי פילט מען זיך נאָכן ערשטן אַרעסט?”. דערנאָך וועט ער זי צובאַגלייטן ביז צו אַ ראָג, אַ בליק־טאָן אויפן האַנטזייגערל און אַ געשעפטלעך־צעטראָגענער אָפּגעזעגענען זיך.

אָפּגעשטעלט אויף דער בערזע האָט ער זי דעם זעלבן אָוונט. בײַם זייגער אויפן ראָג איז אויף זײַן פּנים דורכגעפלויגן אַ נערוועזער שמייכל:

— מ׳האָט דערציילט, אַז האָסט זיך גוט געהאַלטן. כ׳האָב געמיינט אַז וועסט שרײַען „מאַמע”. אַ שפּאַס אין אַ זײַט — כ׳האָב דיך ערגעץ צוגעטיילט. — און ער האָט איר דורכדרינגלעך אָנגעקוקט.

זײַן אײַליק אָפּגעזעגענען זיך האָט איר שוין מער נישט געאַרט. זי האָט אפילו באַשלאָסן אויסצומײַדן אים. אין פאַרהויכטן נאַסן־שפּיגל האָט זי זיך דאָס מאָל אין גאַנצן נישט דערקענט. דאָס גאָמבקעלע איז געווען נאָך מער אויסגעשפּיצט און אירע באַקן האָבן אָנגעוווירן די פּראָווינצער ראָזיקייט. זי איז געווען מיד. אָבער דאָס שיקלדיקע אויג האָט געקוקט דרייסט פון אונטערן פאַרשווירענעם לאָק. זי איז שוין מער נישט געווען קיין פאַרבלאָנדזשעטע אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט.

לאַנג האָט זי נאָכגעקלערט די פּשוטע און אָפנהאַרציקע רייד פונעם מיידל מיטן מענערישן טראָט, אין גרויען פאַלטן פון זעלנערישן שניט וואָס האָט פאַרוויקלט איר שמאָלע טאַליע. אַ העלבלאָנדע, מיט אַ שרײַענדיקן גאָלדענעם צאָן פון פאָרנט, איז זי גלײַך איבערגעגאַנגען מיט איר אויף „דו”. באַקענט האָבן זיי זיך טאַקע דורך שימעלען. זיי זענען צוריקגעגאַנגען פון אַ שטיל פאַרלוירן הויז, אין אַ טונקעלן קוואַרטאַל פון אַ זיצונג.

— נאַרישע! — האָט זי גערעדט מיט אַ שמייכל און ווי סטערקען האָט זיך צוערשט געדאַכט, אָן איבערלעבונג — ס׳געפעלט דיר אַ יאַט גייט מען צוזאַמען וווינען. נישטאָ דערווײַל קיין צײַט אויף ווייענישן און קרעכצענישן.

— און אַז מ׳האָט טאַקע שטאַרק ליב?

יאָ, פאַרשידן... נעם און לייען אדורך, למשל, קאָלאָנטאַיאַן. ס׳איז נאָך דעם אמת געזאָגט אַלץ אַ מעשה אָן אַן עק... אפילו דאָרט...

זי איז אַוועק אַן אומעטיקע מיט אַ שווער געמיט. מער האָט זי פאַר קיינעם נישט גערעדט און געוואָלט פאַרגעסן אין אַלעם. די פרײַע אָוונטן אירע האָבן זיך איצט אויסגעגרויכערט אין די ענגע קאַוויאַרניעלעך אויף דער דזשיקע. האַלבע נאַכט האָט זי זיך אומגעקערט פון די בערזעס, פון די פאַרקאָפּטשעטע פאַראיינס־לאָקאַלן, פון די פאַך־פאַרזאַמלונגען, פון די שפּעט־פאַרצויגענע זיצונגען. זי האָט אָנגעקלונגען אין אַ נידעריק טויערל אויף דער מילע, גרינג געטענצלט איבער דער שטיג און אַוועקגעוואָרפן זיך אויפן אויפשטעלבעטל, וואָס זי האָט אָפּגעדונגען אין אַ קיך פאַר צען זלאָטעס אַ חודש. פונעם אָנגעפאָרענעם טראַמוואַי און פון די שווערע קוילן־פורגאָנעס, וואָס האָבן זיך געטרייסלט אויפן ברוק האָבן די שויבן געציטערט. געלע און ראָזע פּאַסן האָבן זיך געקײַקלט איבערן סופיט, איבער די ווענט. אין די ווײַטערע שטובן הינטער טירן, האָט מען זיך כסדר געוועקט. די פרומע באַלעבאָסטע מיטן ווײַסן נאַכט־הייבל און מיטן פאַלשן שנעבעלע, האָט נאָך האַלבער נאַכט אויפגעשטעלט סקריפּנדיקע בעטלעך, צעלייגט שעניקעס איבער דער גאַנצער שטוב פאַר פּראָווינצער ייִדן, קליינשטעטלדיקע ווינקל־רבילעך און קאַליקעס, שנאָרער וואָס האָבן זיך געברענגט אָנצושלעפּן פון די צוגן און פון די אויטאָבוסן. די אכסניה איז אייביק פול געווען. באַלד אין דער פרי האָבן זיך דאָ אויפגעכאַפּט קריגערײַען, אַ מורמלעניש פון ייִדן וואָס האָבן אויף דער גיך אַרײַנגעשלונגען דאָס דאַווענען „פון פאָרנט”. זי האָט לאַנג געמוזט אָפּוואַרטן איר ריי אין קיכל בײַם קראַן. דערנאָך האָט איר צוריק אײַנגעשלונגען דער גאַסן־טומל וואָס איז געגאַנגען אויף דער דזשיקע.

די יונגע, די אונטערגעוואַקסענע, וואָס קומען אין פאַראיין אין די בערזע־קנײַפּעס, בחורימלעך וואָס הייבן זיך ערשט אָן אַרומצוגאָלן דעם פּוכיקן האָראָויסשיט אויף דער גאָמבע, האָבן שעמעוודיק געפלאַטערט אַרום איר, האָבן זײַטיק נאָכגעקוקט איר ענערגיש באַוועגן זיך און געצויגן האָט עפּעס דער חן פון איר שיקלדיק אויג. אַלע האָבן זי געשלונגען מיט די אויגן, ווען זי האָט זיך אויף אַ פאַך־פאַרזאַמלונג דרייסט געמאָלדן צום וואָרט. זי האָט גוט געוווּסט אַז זי נעמט שטאַרק אויס מיט איר פּיסקל. זי האָט פאַרמאָגט שווּנג, דאָס מיידל, און האָט זיך אומעטום געוואָלט אָנזען. מען האָט זי געקליבן אין קאָמיסיעס אין פאַבריק־דעלעגאַציעס און אין קעמערל ווו שימעלע האָט איר אויף זײַן אחריות צוגעטיילט, האָט זי זיך געכאַפּט צו אַזעלכע אַרבעטן וועלכע עס פירן געוויינלעך אויס ייִנגלעך אײַנשטעלערס. אָפּזיצן עטלעכע טעג איז געווען אַ נאַרישקייט, אַבי די דעפענסיווע האָט נאָר נישט געפונען צו וואָס זיך צוצוטשעפּען. זי איז אַרומגעשוווּמען איבער די לאַ־

קאַלן, איבער די אָוונטיקע בערזעס און ווען ס'איז אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט אין אַ פאַבריק האָבן זיך אַלע אונטערגעוואַקסענע בחורימלעך געריסן צו גיין דווקא מיט איר אויפן שטרײַק־פּיקעט. זי האָט געשמייכלט און איז געגאַנגען, אָבער אומגעקוקט אויף זיי האָט זי זיך נישט. זיי האָבן איר געלאַנגווײַליקט מיט זייערע שעמעוודיק־פאַרפּלאָנטערטע רייד, מיט זייערע אומגעלומפּערטע קאָמפּלימענטן מיט זייער שוואַכן האַנט־דרוק. זי האָט זיך געפילט וויכטיקער פון זיי. זי האָט שוין געהאַט דורכגעלייענט אַ סך ביכלעך, און מיידלעך פון איר עלטער זענען געווײנלעך פאַרליבט אין די שיינע העלדן פון די ראָמאַנען. דאָס שטעטל וואָס לאָזט זיך שיף אַראָפּ צו דער ווײַסל, האָט אַרויסגעזונגען צו איר אין דינעם פײַערלעכן אומעט פון גריגס מוזיק אין „פּער־גינט", אין דער פאַרטראָגענער קירכן־מוזיק פון באַך. די זונטיקדיקע פרימאָרגן־קאָנצערטן אין דער פיל־האַרמאָניע האָט זי זעלטן דורכגעלאָזן. די צעשאָטענע דעמאָנסטראַציעס אויף די 'הילכיקע ברוקן און פלעצער פון שטאָט און די פאַרשטיקטע בוידעמשטיבלעך, ווו עס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן די זיצונגען, האָבן געפּלאָנטערט מיט דער דאָזיקער מוזיק. זי איז אומגעשוווּמען אין הוילער פּאָעזיע.

אימפּאָנירט האָבן איר די עלטערע פון זיך. דרייסט האָט זי אַ כאַפּ געטאָן געאָרעמט, גרינג ווי אַ ווינטל, אָנגעהאָנגען זיך אין זייערע הויכע אַקסלען. אין אַ שטיל הויז צווישן טאָג און נאַכט, האָט זי גיריק געשלונגען דעם בלוילעכן רויך פון אַ פּאַפּיראָס, ווײלעריש געבלאָזן אים פון זיך, בײַם אָנצינדן דאָס ליכט איז זי פאַרבליבן אַ צעפּלאָמטע, אַ צעשויבערדיקע. זי האָט זיך אומרויִק באַטראַכט אין שפּיגל, זייער פאַרטאָן זיך אָפּגעזעגנט און איז צוריק אַנטלאָפן אויף די בערזעס, אויף די פּאָדפּונקטן צו די טומלדיקע פאַראיינס־לאָקאַלן.

קאַפּיטל ד

אין דעם ווינטער פון דער גרויסער שטרײַקן־כוואַליע ווען די צעאָדערטע טראַמוויי־שינעס איבער דער שטאָט, פאַרווישט אין נעפּל האָבן געזשאַוועט, איז זי געווען אַן אָפּטע אײַנגייערין אין קעלערל אויף דער מוראַנאָווסקע. זי האָט זיך באַוויזן און איז פאַרשוווּנדן. דאָס קעלערל איז געלעגן פאַרשטעקט אין אַ טיפן הויף, אַרומגעשטעלט מיט מויערן. דער סטאָלערײַ־וואַרשטאַט האָט אַ גאַנצן טאָג גערודערט. ס'איז געגאַנגען אויפן נאָמען פון די צוויי משהס. דעם לאַנגן דעם רויט־אָנגעגאָסענעם האָט מען גערופן מויש. און דעם נידעריקן מיט די גאָלדיקע האָר אויף די בלייכע אָפּגעדעקטע הענט — משהלע. דער קליינער משהלע האָט אָנגעוואָרעמט דעם לאָס, פאַרשמירט די שטאַנגען און געפּאָרעט זיך אַרום די טיר־לעך פון די נאַכט־שאַפעס. דער לאַנגער מויש האָט שווער געסיקעט מיטן הובעל. בײַ טאָג איז אונטערן נידעריקן געוועלב געווען האַלב־טונקל און בײַ נאַכט האָט מען זיך צוזאַמענגעלייגט און אָנגעצונדן אַ ליכטל. געקליבן האָט מען זיך דאָ דער עיקר, ווען מ'האָט געשטרײַקט אין די יידישע טעקסטיל־פאַבריקלעך אַרום מוראַנאָוו. מ'האָט געטענהט, גערעדט, דיסקוטירט, אָפּגערעדט פון אַ וועלט, אַרומגעקריגט זיך, פאַרצויגן אַ לידל און זייערע געדעמפטע קולות האָבן זיך געריסן דורכן פאַרווייעטן קראַטן־פענצטערל. יעדן נײַ־צוגעקומענעם האָט מען דאָ באַגעגנט מיט אַ פרישער ביבקע, אַנדערש איז ער נישט אַדורך אין דער קאָמונע. פאַר דער אויסגעהונגערטע באַנדע וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעוואַלגערט זומערן און ווינטערן, איז עס געווען אַ גוטע געלעגנהייט איין מאָל כאָטש אָנצועסן זיך צו דער זעט...

אין די וואַרשעווער ווינטערדיקע פאַר טאָגן קרייען נישט קיין העגער אין שטעלעכל הינטערן פענצטער. די שטאָט ליגט אײַנגע־קאָוועט אין אַ בײַסיקן פראָסט. אַז מען שאַרט אָוועק דאָס ברודיקע פאָרהענגל, דערזעט מען דורכן אָפּגעהויכטן לעכעלע, ווי איבער קרומע דעכער צעשווימט אויפן פּלאַץ מוראַנאָוו אַ שיטערער נעפּל. פון אַלע ראָגן פאָרן אָן טראַמווײַען מיט אָנגעצונדענע שויבן, קוילן־פורגאָנעס ברענגען זיך אָן צו טרייסלען די בריקן פון פראַגע. אין אַזאַ פאַרטאָג גלוסט זיך זייער נישט אַראָפּצוקריכן פון אָפּגעדונגענעם אויפשטעלבעטל. מען פאַרגראָבט זיך אונטער דער צעאָדערטער קאָלדרע, אַרײַנצוכאַפּן נאָך אַ דרעמל. וואָס צו פאַרשפּעטיקן איז סײַ־ווי נישטאָ. דערפילט מען אָבער אַ קליינעם שטוים:

— קוקט עס נאָר אָן — גוואַלדעוועט די יידענע — מען קאָן שוין צום „זלעוו" נישט דערשפּאָרן.

כאַפּט מען שנעל עפּעס אויף זיך און מען לאָזט זיך אַראָפּ גלײַך צו צום קעלערל אויף דער מוראַנאָווסקע.

פון די ערשטע פאַלט אַראָפּ דער געלער לייבל, אַ פּאָליטישער עמיגראַנט פון די קרעסן ערגעץ. פאַראַנען נאָך אים שטעקבריוו, פּאָליציי זוכט אים. אַלע פאָר טעג ציט ער זיך איבער אויף אַן אַנדער מלינה. ער גליטשט זיך אומבאַמערקט אַדורך די גאַסן, דעם קאָפּ פאַרשטעקט אין הויכן קאָלנער. גיריק שלינגט ער אײַן אין זײַנע לונגען דעם בלוילעכן פּאַפּיראָסן־רויך.

— יאַטן! — פאַלט ער אַראָפּ — כ'בין טויט־הונגעריק! ווער גיט מיר אַ פּאָר צי? כ'האָב נאָך הײַנט קיין פּאַפּיראָס אין מײַן מויל נישט געהאַט...

— גיי, ברעך דעם קאַרק! — נעמט אים דער לאַנגער מויש אויף מיט אַ ברוך־הבא — רויכערן גאָר... ס'שטייט אָפּגעקאָכט אַ טאָפּ מיט רײַז און קיין הונט ווײַזט זיך נישט... נאָך אַ מאָל וועט מען אייך איבערלאָזן אַ גוטע קרענק...

באַלד נאָכמיטאָג יאָווען זיך אַראָפּ ביידע גלאַט־פאַרשרונ־דיקטע מיידלעך גוטקע און פּאָליע. די שטיבער בײַ זיי זענען יידיש־לעכע, סוחריש־אָפּגעקומענע. די עלטערע טעכטער אין שטוב זענען אוודאי אויסגעגעבן פאַר ביוראָליסטן, פאַרשטייער פון קליינע פירמעס און אייגנטימער פון קליינע פאַבריקלעך. אין די שטיבער בײַ זיי — אין די אַלט־אײַנגעפונדעוועטע יידישע שטיבער — שטייען דעמבענע שוואַר־געשניצטע שענק. אין די טונקעלע עסצימערן וויגן זיך מעשענע הענגלאָמפּן אויף זשאַווערדיקע קייטן. אין טאַטעשיס און מאַמעשיס שלאָף־חדר זענען די בעטן הויך־אָנגעגאָרנט מיט קישנס און קישעלעך. וויפל מען זאָל דאָרט נישט אַרומרוימען, בלײַבט נאָך אויף אַלעם, דאַכט זיך ליגן אַזאַ דינער שיכט שטויב. אין די זײַטיקע חדרים שמעקט עס שוין מיט ווירקונג פון יינגערן דור. אַן עלטערער ברודער, וואָס האָט בײַ דרײַצן־פערצן יאָר באַקומען אַ געטוישטע שטים און קליינע אויסשיטן אויף דער גאָמבע, האָט דאָ איבערגעלאָזן אַ פידל אויף דער וואַנט. דער ברודער איז שוין לאַנג צוריקגעקומען פון אַן אייראָפּעיִשן אוניווערסיטעט. צו־ליבן קריזיס האָט ער אויפגעהערט צו באַקומען דעם חודש־געהאַלט און געמוזט רעזיגנירן פון דער מעדיצין. אַ סטודענט, אַן אייראָ־פּייער האָט אים זיכער אויפגעכאַפּט אַ לײַטיש אויפגעקומען חויז אויף דער געגנשע. אָבער דאָס בילד פון יונגן בחורל אין די אויס־געוואַקסענע הייזלעך איז דאָ הענגען געבליבן, די פאַרשטויבטע פידל — אויך. אין די אַלע שטיבער איז מען אין יענע פאַרפונדע־וועטע יאָרן מאָדנע זיכער געווען אַז אין זייערע קינדער ליגן באַהאַלטן ווער ווייס וואָס פאַר אַ גרויסע טאַלאַנטן.

די אונטערגעוואַקסענע מיידלעך זענען אַוועק פאַר שנײַדערינס, העפטערינס, אַפילו אין פאַבריקן, און האָבן שוין באַשטאַנען חתונה צו האָבן מיט אַ געווײנלעכן בעל־מלאכה, אָבער אַ פאַרדי־

נער. די קלײנע גוטקע איז „אַרויסגעגאַנגען" מיטן לאַנגן מויש. פון דעם בחורס אָנגעצויגענע מוסקולן האָט געקוועלט מיט ענערגיע מיט זיכערקייט. די מיידלעך זענען דעריבער געווען אָפטע געסט אין קעלערל. פון דער קלײנער גוטקען האָט געשפּריצט מיט הוילן געלעכטער, נאָר די פאַליע האָט אַלע מאָל געשוויגן. איר איז אַלע מאָל געווען אַ ביסל אומעטיקלעך. מען איז שוין דאָ מיד געוואָרן צו רעדן וועגן בראָניעווסקין און טובימען, צו לייענען אויף אויסנווייניק זייערע פּערזן. וויפל מאָל די קעלערווענט האָבן שוין דאָ געהערט באַגײַסטערט דעקלאַמירן טובימס „טאַנצנדיקער סאָקראַטעס", אָדער — וועגן די לעכצענישן פונעם פּאָעט, אין טומל פון דער גרויסשטאָט, נאָך אַ קליין פאַרוואָרפן פּויליש שטעטל, וואָס זאָל זיך רופן לענטשיצע אָדער אַנדערש, אָדער — „די בענקשאַפט מײַנע האָט זיך אײַנגעשפּאַרט"...

— אַ סענטימענטאַלע פרײַלין און פּטור! — טוט אויף פּאַליען אַ קוק פון דער זײַט דער לאַנגער מויש און נעמט זיך ווידער צום הובעל. ער דרייט מער נישט אויס דעם קאָפּ, זיי זאָלן נישט באַמערקן זײַן שמייכל.

— רעד נישט אַזוי מויש — נעמט זיך גוטקע פאַרטיידיקן — פאַליע האָט שוין וויסטו, באַלד אין גאַנצן איבערגעריסן מיט איר קלײנבירגערלעכער פאַרגאַנגענהייט...

נאָר פּאַליע הערט סײַ ווי נישט. אין צופאַלנדיקן אָוונט ציט זי אין זיך אַרײַן אַזאַ אומעטיקן סטעפּ־ניגון. ווי פון דינעם רויך הייבט זי דערנאָך אַרויס אירע לײַכט־אונטערגעפירטע ברעמען, אַנטבלויזט דעם שיינעם עלנבויגן צו פאַרריכטן אירע נעגעריש־געקרויזטע האָר און אירע ווײַסע געזונטע ציינער פאַרוואַרפן אַ בלאַסן שמייכל:

— כאַ... אַלע זענט איר דאָ צום טויט לאַנגווײַליק...

איבערצופרעגן איז נישטאָ וואָס. ער טוט אַ קורץ הוסטל מויש, און צעפּאָכעט זיך אויפס נײַ מיטן הובעל. „מער ווי דעם אומעט — טראַכט ער — קענען דיר אַזעלכע מיידלעך נישט אָנטרײַבן. נאָר ס'איז זיי קאַלט, נאָר זיי טוליען זיך... געשמאַק צום טיוול, זענען זיי פון דעסט וועגן"...

ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער אַלגעמיינער שטרײַק, איז די טיר דעם גאַנצן טאָג געשטאַנען אויפגעפּראַלט.

— מזל־טוב! — האָט זיך מויש אַ שטעל געטאָן אין דער גאַנצער ברייט — מיט איין מאָל אַזוי פיל אָנגעלייגטע געסט?

ס'איז געווען אַ פינצטערער נאָכמיטאָג אין יאַנואַר. אין מיטן העלן טאָג האָבן זיך אָנגעצונדן די עלעקטרישע לאָמפּן אויף די ראָגן. פון ווינט וואָס זיי האָבן דאָ אָנגעטראָגן, האָט זיך געטאָן אַ לעש אויס דאָס אָנגעטריפטע שטיקל ליכט. מען איז אַ פּאָל געגעבן איינער איבערן אַנדערן מיט געלעכטערן און קולות. דאָס פענצטערל אונטערן געוועלב איז פאַרהאָנגען געוואָרן. לכבוד די געסט האָט מען אָנגעצונדן דעם גאַזלאָמפּ. דאָס פלעמל האָט רויטלעך פאַרטשאַדעט די ווענט. דער געלער לייבל איז שטיינגעבליבן ווי אַ האָן אויף אַ סטויג היי אויפן שטוים ברעטער. שימעלע איז באַלד אַרויס מיט זײַן מעטאַלערן באַסל. ער האָט געצופּט קלמנען, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין ווישן מיט אַ שפּיץ פון אַ ברודיק טיכעלע זײַנע אָנגעהויכטע גלעזלעך, ער זאָל אים אונטערהעלפן. סטערקע האָט אים אַ באַקוק געטאָן און ס'האָט זיך בײַ איר גלײַך אָפּגעריסן דאָס גלעקלדיקע שקאָצעוואַטע לאַכעלע. אין דער טונקל, האָבן די גרינלעכע אויסגעהונגערטע אויגן בײַ שימעלען אויפגעלויכטן פּאַספּאַריש. געלאַכט האָט זי שוין דערנאָך דעם גאַנצן אָוונט די סטערקע, און נאָך מער — ווען שימעלע האָט איר אַ כאַפּ־געטאָן בײַם האָרשויבער צו זיך אין שוים אַרײַן און זיך געבעטן:

— געדענקסטו?... יענץ לידל...

און זי האָט געזונגען. איר שטים איז געווען ווייך און בענקנדיק. געזונגען האָט זי ווען אַלע האָבן אויפגעהערט צו רײַבן מיט די ציין די דאַרע בייגל, און נאָך דעם ווי מען האָט אויפגעהערט אַרומדינגען זיך מיטן לאַנגן מויש, וואָס האָט זיי דאָ אַלעמען געמאַכט אַ סורפּריז און פּלוצים אַרויסגעצויגן פון די טיפע הויזנקעשענעס אַ פלאַש.

— דערלאַנג אַהער — האָט שימעלע געדונערט — דעם גומען צו באַנעצן... מאָרגן גייט מען סײַ־ווי נישט צו דער אַרבעט...

אין דעם אָוונט ווען אַלץ אין שטאָט האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז ער געווען באַזונדערס הײַטער.

— נעם — האָט ער סטערקען געשטופּט דאָס פלעשל צו די ליפּן — נאָר פאַרקרעק זיך נישט!

זי האָט געטרונקען מיט גרויסע שלוקן ווי אַ מאַנספּאַרשוין, נישט פאַרהוסטנדיק זיך אפילו. איין קלמן האָט זיך אָפּגעזאָגט צו טרינקען:

— אַ דאַנק! — האָט ער זיך געהאַלטן אין איין ווישן די ברילן־גלעזלעך — כ'טרינק נישט קיין אַלקאָהאָל. דער דאָקטער האָט עס מיר פאַרווערט.

דערנאָך האָט מען אויסגעהערט אַלע פריילעכע און קאָמישע מעשיות פון געלן לייבלען. ער האָט זיי געהאַט מיטגעברענגט פון תפיסה ווו ער האָט „אָפּגעקוועטשט" פינף יערלעך. מ'איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן אָנגעוואַלגערטן באַרג הובלענעס און אַרומגערעדט יענעם מאָמענט ווען די גאַסן און געסלעך אַרום מוראַנאָוו וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין באַריקאַדן. די פּאַפּיראָסן־פײַערלעך האָבן זיך העל צעפינקלט. לייבלס קראַנקע לונגען האָבן געאָטעמט מיט רויך. אין די דאָזיקע אומרויִקע טעג, ווען אויף די גאַסן זענען כסדר אַרומגעפאָרן די קעטשלעך, האָט ער זיך נישט אַרויסגערירט פון קעלערל. צווישן איין מאָל פאַרציִען און דעם אַנדערן, האָט מען אויסגעהערט ווי אַזוי מען האָט זיך עס אַלץ פאָרגעשטעלט אין דער תפיסה, ווי אַזוי מען האָט שוין דאָרט אפילו גענוי געהאַט אויסגערעכנט די סטראַטעגיע פון פאַרכאַפּן איין גאַס נאָך דער אַנדערער אין וואַרשע...

—...וואָס האָבן מיר שוין דען נישט געהאַט באַקלערט? מיט דער דזשיקע, האָבן מיר באַקלערט, וועט מען, דורך די הײַזער פון ביידע זײַטן, האַקן ווענט פון אינעווייניק צום טעאַטערפּלאַץ. פון דאַך־אַראָפּ פון דער גרויסער טעאַטער־געבײַדע, איז לײַכט צו באַשיסן דעם צענטראַלאַרעסט, דעם ציטאַדעל און די ווײַסל־ברעגן. און אַז די ערשטע פּלוטאָנען מיליטער וועלן זיך עס טאָן אַ וואָרף אַריבער...

אָבער דערציילט האָט ער דער עיקר קאָמישע מעשיות פון תפיסה:

—...אַ „טשודאַק" אַ ייִד געווען, און גערעדט האָט ער פון פײַער און וואַסער: געווען אין דער פּוילישער אַרמיי אין 1920, דעזערטירט, אַריבער צו די באָלשעוויקעס, פאַרוואונדעט געוואָרן הינטער מינסק. אין תפיסה אַז מען פּאַקט אַרײַן אַזאַ איינעם איז פרייד־לעך. נאָך בײַ טאָג דערציילט מען אים, אַז ס'מאַכט זיך אַ מאָל, דער

אויספאָרשונג־ריכטער קומט פלוצים אראָפּ אין מיטן דער נאַכט... נאָכן אויסלעשן דאָס ליכט, לייגט זיך איינער אַוועק אונטער אַ נאָרע און רעדט פון אַ שוך אַרויס מיט אַ פאַרדומפּן קול. מען מעלדעט כלומרשט דורך דער טיר, אַז דער אויספאָרשונג־ריכטער רופט דעם פּריש־געברענגטן. דער „אויספאָרשונג־ריכטער" פאַרשטעקט אונטער דער נאָרע, פרעגט אַלץ אויס, שטרענג גענוי, ערנסט און זאַכלעך: ווי דער זיידע הייסט, ווי די באָבע, מיט וואָס מען פאַרנעמט זיך. יענער ענטפערט זייער צעמישט און ביי דער פראַגע פאַר וואָס ער זיצט, רייסט ער זיך גאָר אויף: „אומשולדיק פאַניע סענדזשיע, אינגאַנצן אומשולדיק"... רוקט אים דער ריכטער באַלד אונטער אַ גאַנץ אומבאַדייטנדיקע פראַגע: „צי קען מיר נישט דער באַשולדיקטער דערציילן ווי אַזוי עס האָט זיך אים געלעבט אין דער אַרמיי? "... דאָ פאַרשטייט ער שוין מער גאָרנישט און פּישטשעט אַרויס אומגליקלעך: „חברה — אַ פּראָוואָקאַציע! "...

הינטער אַלעמענס פּלייצעס האָט שוין דאָ דער לאַנגער מויש ערגעץ געשנאָרכט. שוין געווען גוט שפּעט און קיינער האָט זיך נאָך נישט גערירט פון אָרט, נאָר פון דער מיט האָט זיך ווידער אויפגעכאַפּט דער געלער לייבל:



— ווער גיט מיר 5 גראָשן פאַרן טויער? כ'האָב שוין נישט קיין כוח צו קושן מיין אַלטער סטרוזשקע אין דער האַנט אַריין...

עמעץ האָט אָפן געלאָזן די טיר און אַ דינע קעלט האָט געצויגן. דאָס ווירבלדיקע שנייעלע אין דרויסן האָט שוין געהאַט אויפגעהערט. פון איבער אַרומגעשטעלטע פינצטערע מויערן האָט אַראָפּעקוקט אַ קליין פּאַסיקל אויסגעשטערנטער הימל. סטערקע איז געזעסן, דעם קאָפּ אַריינגענומען אין ביידע אונטערגעשפּאַרטע דלאָניעס. זי איז מיד געווען. אין די טעג איז זי פול געווען מיט פיבער. איבער די אָוונטיקע שפּאַציר־גאַסן האָט זי אַרומגעצאַפּלט ווי אַ פלאַטערל, גערעדט מיט דעם, פאַרהאַלטן יענעם, אָנגעזאָגט, איבערגעגעבן און ווידער אַנטלאָפן. זי האָט דאָ אויפגעזוכט לעבן זיך שימעלעם אַקסל און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ. איר אָטעם איז געווען אַ רויִקער, בענקנדיקס האָט געציטערט איבער מויערן, הויך איבערן גרויסשטאָטישן פאַרקער. ס'האָט זיך דאָ נאָך אַלץ אַרומגעטראָגן דער ווידער־קול פון איר שטימעלע:

...אונדזער גאָרטן ליגט פאַרשאָטן
אונטער טיפן שניי.



משה שולשטיין (פּאַריז)

# דער ניגון פון מײַן טאַטנס נײמאַשין

(אַ פראַגמענט)

אַ נײמאַשין איז בײַ מײַן טאַטן געווען,
איך קען בשום־אופן נישט וויסן זינט ווען,
ווײַל ווי כ׳האָב די ליכטיקע שײַן נאָר דערזען
איז זי אין דער היים שוין אַ תושב געווען.
משמעות, מײַן טאַטע האָט זי שוין פון לאַנג
באַקומען אין נדן, צי דרשה־געשאַנק.
איך ווייס נאָר דאָס אײנע: איך האָב זי דערקענט
צו גלײַך מיט מײַן מאַמעס פאַרוויגנדע הענט,
איך ווייס נאָר, איר ניגון פאַרנומען האָב איך
צו גלײַך מיטן ליד, וואָס פאַרוויגט האָט מען מיך.

ווי גוט איז געווען אונדז מיט איר געזאַנג,
ווען פריילעך געטאַנצט האָט די נאָדל, די שטאַנג,
און שטאָפן געוואַרט האָבן, באַרכטן און טוך,
אַז זי זאָל זײ טאָן מיט די צײַן אַ פאַרזוך.
אַוועק זענען קליידער אַ טוץ נאָך אַ טוץ
מיט לידער פון בולבעס, פון האָפנונג און גוטס,
וואָס האָבן מיט איר אין געזאַנג זיך פאַרהערט.
„דרײַ נײטאָרינס" פרצעס האָט מען געהערט,
דאָס ליד פון מײַן עלטערער שוועסטער, וואָס מ׳האָט
אין שטעטל געברענגט און עס האָט אינעם ראָד
פון אונדזער מאַשין זיך פאַרפּלאָנטערט, פאַרדרייט,
געציטערט אין נעט פון אַ יעטוועדן קלייד.

ווי ס׳האָט זיך אין שטעטל דער ווינטער געשטעלט,
אַוועק איז די נײמאַשין איבער דער וועלט,
אין דערפער אין ווײַטע געשלעפּט זיך אַזוי,
פאַרלאָדנט אין פויערישע וואָגנס, אין שטרוי,
מיט טלית און תפילין, מיט אײַזן און שער,
און מילכיקע לעפל און טעפּ, ווי ס׳געהער.
אַזוי האָט זי גאַנצע געזינדן באַקליידט,
די דערפער אין וואַרעמער וואַטע פאַרנייט.

ווי אומעטיק איז אונדז געווען אָן איר קול
ווען שווײַגן, אָן אַרבעט, פלעגט זי ווען אַ מאָל.
געשטאַנען איז זי אין אַ ווינקל אַליין,
די נאָדל פאַרחלשט, פאַרהאַקט אין די צײַן.
אַ נאַקעטער שטייט אין אַ זײַט די „פיגור",
מען מעסט אויף איר גאָרנישט — פון אַרבעט קיין שפּור,
מען הערט נישט קיין סקריפּ, נישט קיין פּיפּס טאָן פון איר.
עס שווײַגט די מאַשין — און עס שווײַגט דאָס געזאַנג,
עס שווײַגן די טעפּ אויף דער קיך — שלינג און שלאַנק,
עס פײַפט נישט דער טשײַניק, עס קנאַקט נישט דער קין. —

ביז איין מאָל געטראָגן מ׳האָט אונדזער מאַשין
אין דרויסן אַרויס, ווי אַ מת, און מ׳האָט איר
פאַרפּאַקט אין אַ וואָגן, מיט פּעק און געשיר,
מיט קינדער, מיט עופות. דורך נאַכט און דורך פראָסט
עס האָט די מאַשין זיך נאָך וואַרשע געלאָזט...
אַראָפּגעשטעלט האָט זי אַ פּוס אויף אַ הויף
פון מוראַנאָוו ערגעץ, אין טומל, אין לויף,
פון דאָרט אין אַ קעלערשטוב איז זי אַראָפּ,
פאַרשעמט ווי אַ יורד, געזונקען דעם קאָפּ.

וואָס זעט זיך בײַם מוראַנאָוו אָן אַ מאַשין?
איז מילא, געקומען נאָך איינע אַהין.
עס דרייען זיך רעדלעך, איז דרייט זיך נאָך איינס
אין קעלער, ווו קאַרג איז אין שפּאָרזאַם די שײַן;
ווו ס׳בעט איז אַ טיש, און אַ טיש איז דאָס בעט
און ס׳לויפן, ווי שליאַכן, אויף שטאָפן די נעט,
אַ קאַנט יאָגט אַ קאַנט, ווי אַ וועג נאָך אַ וועג,
מיט זיי לויפן טעג און חדשים אַוועק,
די נײמאַשין עלטערט זיך, יערט זיך אין נויט,
עס פּלאַצט און עס רינצלט איר גלאַנציקע הויט,
באַדעקט איז איר קאָפּ שוין מיט זשאַווער און צײַט,
דער קאָפּ פון מײַן טאַטן — מיט זילבערנעם זײַד, —
דאָך אַרבעט זי ווידער, דאָך שטייט זי נישט אָפּ.
מיט בוימל דערמינטערט, דערוועקט איז איר קאָפּ.
מ׳לייגט אונטער איר ציוועקעס, ווי אייער אַ הון,
און ווידער געטון, נאָר געטון, נאָר געטון,
און ווידער געאַרבעט, גענייט און געשטעפּט,
מיט כוחות די בידנע איר עלטער דערשלעפּט.
מײַן שרײַבטיש נאָך זײַן איר געווען איז באַשערט,
און מ׳האָט מײַנע לידער די ערשטע דערהערט...
זי האָט זיך אויף צײַטן פון אומגליק דערוואַרט. — — —

זי איז אינעם געטאָ מיט יעדן פאַרשפּאַרט.
עס פירט זי מײַן טאַטע אין דײַטשישן שאָפּ,
אַז ראַטעווען, אויסקויפן זאָל אים איר קאָפּ,
אַז לינדערן זאָל זי דער מאַמען די נויט,
ווי ס'ליגט — אַ דערוואָרגענער פויגל אין קויט —
דאָס פּרעסאײַזן, אומנוציק, זשאַווערדיק, שטום,
און ס'וואַלגערט אין הויף די פיגור זיך אַרום
מיט ריפּן צעפּליקטע. זי ליגט מיט אַ מת,
וואָס אויסגעקוקט האָט ער דעם טויט ווי אַ נס.

וואָס האָט נישט די ניימאַשין אַלץ שוין גענייט?
פון לײַוונט, פון סאַמעט, פון אַטלעס און זײַד;
פון שפּענצערס און העמדער פון היימישן לײַן;
פון קליידערלעך קורצע פול קינדישן חן;
פון אויסשטײַערס צאַרטע און שלײַערס פון טיול
און שפּיצן פול צניעות און פליטערלעך פול.
איצט ווייי דער מאַשין, וואָס זי שטעפּט, וואָס זי נייט, —
בגדים דעם מלאך־המות פאַרגרייט.
עס שווינדלט די גרינקייט פון טמאן געוואַנט,
עס קען מער קיין אַנדערע פאַרב נישט די האַנט.

די נאָדל פאַרביסן אַ גיפטיקע שטעכט,
אַזש ס'איבלט דער ניימאַשין, שטיקט זיך און ברעכט
מיט גרין פון געוואַנט, ווי מיט גרינקייט פון גאַל,
ביז איבערגעפולט איז געוואָרן דער זאַל,
און מ'האָט אַ באַפעל איר געגעבן: גענוג! —
אין אומשלאַג־וואַגאָן זי געטאָן אַ פאַרוק.
פאַרלאָרנט נאָך איין מאָל מיט מענטשן און פּעק,
און מיט טאַטע־מאַמע נאָך איין מאָל אַוועק...



ל. אַליצקי (ווארשע)

# דורך טויט צום לעבן

(אַ בילד פון וואַרשע בעת די נאַצי אָקופּאַציע)

וואַרשע. האַרבסטיקער באַגינען. די זון זיצט נאָך נידעריק אויפן האָריזאָנט. אירע רויטלעך־גאָלדיקע שטראַלן שפּילן בלויז מיט די צלמים שפּיצן אויף די קאָשטשאָלן. איר שיַין פלאַטערט לײַכט איבער די גאַסן און געסלעך, וואָס זינקען אין קילקייט און שאָטן. די לופט איז דורכגעזאַפּט מיט דער פײַכטקייט, וואָס די ווײַסל האָט אַהער אַרײַנגעאָטעמט איבער דער נאַכט. די דורכגייער קאָן מען ציילן אויף די פינגער.

די היטער פון געזעץ און אָרדנונג זענען איבערגעמאַטערט פונעם נאַכט דיזשור. זייערע גרין־פאַרוועלקטע פּנמער — אויפגעלאָפן, אין די אויגן פיבערן רויטע אָדערלעך, איבער די רוקנס גליטשן זיך קאַלטע זשאַבעס, דאָס לײַב קנייטשט זיך אין פאַרמאַכטקייט, און די הענט פאַרציִען מאַשינעל די מאַנטלען, אויסצובאַהאַלטן דאָס לעצטע ביסל אייגענע וואַרעמקייט, עס נאָגט דער שלאָף און ציט צום באָדן. דער שאַרבן — אָנגעגאָסן מיט בלײַ. דער פאַרנעפּלטער בליק קוקט מער אויס דעם, וואָס דאַרף קומען טוישן דעם דיזשור, איידער ער פאָרשט נאָך אַ פּשוטן פאַרבײַגייער... כאַפּט זיי דער רוח.

אויפן ריבאַצקע־געסל, וואָס אין שכנות מיט דער ווײַסל, אינעם פּײַכטן, פינצטערן קעלערשטיבל פון די איוויצקאַס, האָט מען ספּעציעל באַשטימט די דאָזיקע צײַט, ווען מאַריאַ זאָל זיך לאָזן אין וועג אַרײַן, אינעם וועג, וואָס לויערט מיט דורכויסיקע סכנות, זיך צוקושט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ און פאַרקלעמטע ליפּן מיט דער שוועסטער יאַדוויגאַ און איר טאָכטער, אַנאַסטאַסיאַ, גייט זי אַרויס, פון קיינעם נישט באַגלייט, פון דעם קעלערשטיבל און לאָזט זיך פון אַלטשטאָט צום וואָקזאַל.

זי גייט מיט אַ לײַכטן גאַנג, ווײַל אויף איר עלטער, וואָס זאָל שווער מאַכן איר טראָט? דער באַגאַזש, וואָס זי טראָגט אויפן רעכטן אָרעם, איז זייער אַ גרינגער — אַ כמעט ליידיק שטרויען קויש, איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרץ טיכל. איר גוף אַליין איז אויך, מחמת מאָגערקייט און טרוקנקייט, גרינג און ווינטיק, ווי דאָס שטרויענע קוישל. די דרײַ יאָר דײַטשע אָקופּאַציע מיט די קאָשמאַרע פּחדים, כסדרדיקן הונגער, און לעצטנס, די שווערע אַרבעט האָבן אויסגעצערט אירע מוסקולן ביז אַ פאָדעם, אויסגענאָגט די לעצטע זאַפטן פון איר געביין. איר לײַב איז באַהאָנגען מיט אויסגעהוילטע הויטזעקעלעך און מאַטשיקע פאַלדן. איר אויסגעמאָרכטער סקעלעט טראָגט אויף זיך אַ גאָר רוחנותדיקע וואָג. ס׳וו איר אָן אַ פּאָר פליגל, וואָלט זי זיך אויפגעהויבן און געפלויגן, כאָטש אויף איר געמיט דריקט די שווערע מאַסע פון פּײַן און יסורים.

פונעם שאָטן, וואָס אונטער דעם דרײַקאַנטיקן דעכל פון איר שוואַרצן קאָפּטיכל, שנײַדט זיך שאַרף אַרויס אויף איר קליינעם פּנים — געקנייטשטן שטערן אַ פּאַסמעלע ווײַסע האָר. פון איר קליינעם פאַרשפּיצטן בלאַס־טונקעלן פּנמל קוקן אַ פּאָר גרויסע־גרויסע גרינלעכער, נאָר אויסגעוועפּטע אויגן. פון די פעלדלעך אויף איר שוואַרצן אָפּגעבליאַקעוועטן קליידל, בײַם סאַמע האַלדז־גריבעלע, שימערט אַראָפּ אַ קליין פּאָלירט ווײַס קרוציפיקסל. דאָס קליידל, מיט גאַנצע פאַרשמאָלטע אַרבל, הענגט אויף איר נידעריקער פיגור לאַנג און ברייט, פאַלדעוועט זיך פון אַ מינדעסטער באַוועגונג און פאַלט צו צו אירע פיס, ווי אויף הילצערנע דרענגלעך. נידעריקער פון די קנעכל לאָזט עס אַרויסקוקן אַ פּאָר אָפּגעטראָגענע לײַוונטענע, אַ מאָל שוואַרצע, לעטשלעך.

זי זעט אויס ווי אַ זקנה, אַ נאָנע, וואָס איז נאָר וואָס, נאָך לאַנגן פּײַניקן זיך מיט תּפילות און תּעניתים, אַרויס פון אַ קירכעלע און שאַרט זיך, ווי אַ שאָטן, אָפּגעפרעמדט פון וועלט און מענטשן, בײַ די מויערן־ווענט לענגויס גאַס.

מאַריאַ איוויצקאַ שאַרט זיך לײַכט, אָבער אַ קילקייט בלאָזט דורך דער צעלעכערטער חורבה פון איר גוף, און זי וויל כאַפּן אַ ציטער. אויף דעם אַלטן געביין קאָן אַזוי ווירקן די פרימאָרגן־לופט, הגם זי נעמט זיך שוין אָנוואַרעמען. די זון שפּילט שוין אויף די קאָרניזן פון די הײַזער, נאָר זי באַצווינגט זיך פון דעסט וועגן, מאַריאַ איוויצקאַ, מיטן כּוח פון איר ווילן, אַז קיין ציטער זאָל נישט אַרויס אויפן אויבערפלאַך פון איר לײַב, דאָס קאָן אַרויסרופן חשד. אירע בליקן, פאַרקוקט פאַר זיך אומבאַוועגלעך, כּלומרשט נישט־פאַראינטערעסירט, באַמיִען זיך אַרײַנצוראַמען אין זייער זעפעלד וואָס מער גאַסרוים. זיי קוקן אויס און שפּירן נאָך.

מאַריאַ איוויצקאַן פּײַניקט די שרעק פאַר אַ געפערלעכער באַגעגעניש.

נאָר אָן קיינע מכשולים האָט זי שוין באַלד דורכגעמאַכט דעם וועג, וואָס נענטער, אַלץ שנעלער ווערט איר גאַנג. וואָס גיכער פאַרלאָזן דעם דרויסן, ווו נעצן פון אויסשפּירנדיקע בליקן זענען פאַרשפּרייט אויף טריט און שריט! דאָס האַרץ צאַפּלט, ווי אַ פישל. נאָך די איינע גאַס, און זי איז בײַם ציל. אין וואָקזאַל וועט רויִקער זײַן אויפן געמיט.

פאר איר בליק ליגן זיך גאסטפריַינטלעך די ברייטע שטיי־נערנע טרעפּ, וואָס פאַר דער וואָקזאַל־טיר, און פאַרבעטן: קום ארויף און גיי אריַין! נאָר סאַמע אין דעם מאָמענט טוט פון דאָרט, בײַם טראָטואר־ברעג, א שטאַרץ צווישן אירע אויגן א בלוטיק־רויטער הויך־אקסלדיקער מאַן אין פּאָליציי אוניפאָרם. זײַנע בליקן — אויסגעבויגענע און פאַרשפּיציקטע, ווי קראַלן פון א חיה. ער שטייט, אַזוי ווי טאַקע אויף איר וואַרט ער, זײַנע בליקן קראַצן אַראָפּ פון איר שוין באַציַיטנס די מלבושים מיט פאַסן הויט. זי דערפילט שטאַרקער דאָס האַרץ — עס שלאָגט שנעל און הויך, ווײַלנוויַיז זיך אין גאַנצן פאַרהאַקנדיק, ווי א קאַליע זייגער: א געשטאַפּאַווניק.

דער אינסטינקט פון זעלבסט פאַרהיטונג זאָגט אונטער דעם צעטומלטן פאַרשטאַנד: פאַרקערעווען, פּרוּוון אים אויסמײַדן, הייסט — זיך אויסגעבן. טוט זי זיך א נעם אין די הענט אריַין, הייבט דווקא אויף דעם קאָפּ און גייט, נישט אָפּנייגנדיק, גלײַך אויף אים. ערשט כמעט פּנים־על־פּנים טוט זי זיך א קער אוועק פון אים מיט אַן אומצופרידענעם וואָרטש, ווי פון א בײַזוויליקער שטערונג אויפן גלײַכן וועג, ס'הייסט: ס'גייט א זקנה, פאַר וואָס זאָל איר א יונגער הער נישט אָפּטרעטן דעם וועג!

דאָס בייזע געשפּענסט איז שוין הינטער די פּלייצעס! א דאַנק דיר, גאָט!

— האַ — אַלט! יודין? — טוט זיך איר א בײַס אײַן אין האַלדז און נאַקן א הינטישער פּיסק.

נאָר וואָס האָט מאַריאַ איווּיצקאַ, א זקנה, א פּאָליאַטשקע, א קאַטאָליטשקע, זיך אָפּשטעלן אויף א פרעמד שפּראַכיקן רוף הינטער די פּלייצעס, וואָס זײַן זין איז איר נישט באַקאַנט, און וואָס איז זיכער, נישט צו איר געווענדט? . . .

און זי גייט זיך געלאַסן, ווי נישט איר מיינט מען, ווײַטער און קומט בשלום אריַין אין וואָקזאַל.

בײַם פענסטערל, ווו זי וויל בעטן א בילעט, וואַקסט אויס דער זעלבער פאַרשווין . . . און אפשר איז דאָס א צווייטער, ווײַל אַלע האָבן זיי איין חיהשע צורה. ער פאָדערט א קענקאַרטע. זי נעמט אַראָפּ דאָס שוואַרצע טיכל פונעם ווײַסן שטרוי־קוישל ווו עס ליגט דער פּאַספּאָרט. ער דערזעט א תּפילה־בוך, א „רויזנקראַנץ" און — עטוואָס פאַרדעכטיקס — א רוסיש ביכל אָן די פאָדערשטע בלעטלעך . . .

וואָס איזט דאָס? — ווײַזט ער אָן אויף דעם און שרפהט עס מיט שינאהדיקע אויגן.

מאַריאַ איווּיצקאַ קוקט אויף אים מיט גרויסע־גרויסע, נאָר גאָרנישט פאַרשטייענדיקע אויגן. פון וואַנען זאָל זי, א פּאָליאַטשקע, פאַרשטיין דײַטש? . . . שטעכט ער מיט א גראָבן פינגער אין ביכל אריַין און חזרט איבער די פראַגע מיט דערקלערנדיקע באַוועגונגען פון שטום־לשון מיט געשרײַ און זידלערײַ.

— אהאַ! . . . שאָקלט זי ענדלעך מיטן זקנישן קעפּל, ס'הייסט — זי פאַרשטייט שוין. און זי ענטפערט אים אויף פּויליש.

ערשט פלאַקערט ער נאָך שטאַרקער אויף פון רציחה. ער פאַר־שטייט זי נישט; ער פאַרשטייט נישט איר הינטישער שפּראַך! זוכט זי מיט די אויגן אַרום זיך, ווי א פאַרלוירענע, אַן עצה. ווי זשע גיט מען עס אים צו פאַרשטיין? און — זי טוט מיט אינעווייניקסטן ווייטיק און אויסערלעך אָן רחמנות אַרים א בלאַט פונעם ביכל מאַכנדיק מיט דעם א נישט־באַקוועמע און מיאוסע באַוועגונג הינ־טער זיך . . . זי האָט געטראָפן אין פינטל אריַין! די חיה צעהיר־זשעט זיך פון פאַרגעניגן. זי האָט באַנומען, די חיה, צו וואָס פאַר א צוועק די אַלטע פירט מיט זיך אײַן שווײַנישעם בוך. די אַלטע איז נושא־חן אין זײַנע אויגן. נאָר באַלד איז ער ווידער דינסטלעך־ערנסט, אָפּוואַטנדיק די קענקאַרטע. בעת זײַן בליק טאַפּט אין קוי־שעלע: א פּאָר שוואַרצע סוכאַרעס, א צענדליק ריבלעך און א גאָל־דענע ציבעלע. פון אונטער דעם אַלעמען באַקומט די אַלטע אַרום דעם פּאַספּאָרט.

ער נעמט און לייענט אים מיטן בליק: — הממ . . . זעכציק יאָרע . . . ער קוקט אויף דער פאָטאָגראַפיע און אויפן אָריגינאַל: ענלעך? . . . און דערלאַנגט איר דאָס פּאַפּירל צוריק לאַנגזאַם און מיט נישט אינגאַנצן אויסגעוועפּטן חשד.

פולשטענדיק באַרויִקט ער זיך ערשט דעמאָלט, ווען — אין זײַן בליק שימערט אריַין דאָס ווײַסע קרוציפיקסל אויף איר האַלדז־גריבעלע.

דאַן שטעקט ער געלאַסן אריַין א לאַפּע אין קוישל, נעמט גע־לאַסן אַרויס א ריבל, שטעקט געלאַסן אריַין די צווייטע לאַפּע אין דער הויזן־קעשענע, פון וואַנען ער ציט אַרויס א קליין מעסערל מיט א שוואַרץ האַקנקרײַצל, עפנט עס און שיילט געלאַסן אָפּ דאָס ריבל, און נעמט עס נאָך געלאַסענער גריזשען. זײַן פּרצוף איז ערנסט־טעמפּ, ווי דאָס פּנים פון א רינד בעתן מעלה־גרהן.

מאַריאַ איווּיצקאַ קערעוועט זיך פון אים אוועק מיט א מינע פון פאַרדרוס צוליבן צוגערויבטן ריבל און ווינטשעוועט אים אויף פּויליש, ער זאָל עס צוריק אָפּגעבן מיט דער גרינער גאַל און מיט בלוט און אייטער. עמיץ פון דער ריי צעלאַכט זיך מיט הסכמה און פאַרגעניגן.

געקריגן דעם בילעט, ליגט אים מאַריאַ איווּיצקאַ אריַין אין פּאַספּאָרט, פאַרשטופּט אים אונטער די ריבן, פאַרדעקט צוריק דאָס קוישל מיטן שוואַרצן טיכל און שלײַכט אַוועק פונעם אָרט, וואָס ברענט אירע טריט.

---

. . . ווי טויט־געפערלעך ס'איז די נסיעה, וואָס זי האָט אונ־טערגענומען! זי — נישט קיין זקנה פון זעכציק יאָר, נאָך א פרוי פון פינף און פערציק! נישט קיין קאַטויליש־פּוילישע פרוי, נאָר א ייִדישע טאָכטער! נישט מאַריאַ איווּיצקאַ, נאָר כאַיעלע שייפער! . . .



גוטע גוטערמאַן (ישראל)

# ביים קבר פון י. ל. פרץ

ס'איז אַ וואַרשעווער טאָג, אַ טריבער, —
הינטער דײַן גרויער מצבה
איז אונטערגעגאַנגען די זון.
אַ קראַנץ פון ליליעס ווײַסע
פלאַטערט אין ווינטיקן פיבער.

צופוסנס דײַן קבר
פאַרלאָזן,
שטום,
אַ צעבראָכענע,
אויסגעשעפּטע,
אַ געוועזענע שטאָט —
דאָס געטאָ —
אַ מידבר
מיט שטויב און ווינט פאַרפלאַנצט. —
דאָס אַלטע בית־עולם גראָד
איז געבליבן גאַנץ.

ס'איז אַ געטאָ־טאָג הײַנט, אַ טריבער:
אויפן הימל, דעם פלאַכן
שווימען וואָלקנס מיט ווילדע העוויות.
ווינטן שרײַען אויף זייערע שפּראַכן,
פּראַווען וויסטע לוויות. —
בײַ טאָג און בײַ נאַכט
האָט דאָ געפלאַקערט די שלאַכט.

האָסטו דאָך אוודאי געהערט:
מיט בלוט האָט געכליפּעט די ערד,
קוילנוואַרפער האָבן געשלוקעכצט
דעם שטאָלענעם דונער צום גראַם,
האָבן קינדער אָנשטאָט מילך מיט צוקער
געטרונקען פלאַם.

עס האָט אויך אַ מאָל געטראָפן:
(ווי אַזוי, ווייס דער וווּנדער אַליין)
ס'איז אַ קינד פון דעם פײַער אַנטלאָפן
צו דײַן מצבה־שטיין.
און אין גראָז אײַנגעטוליעט, אין ליים
דערגרייכט דײַן אַנטדרעמלטן אָרעם. —

האָסטו אויסגעציטערט אין חלום —
געהיים
מיטן שאָרך פון ספרים,
גערויש פון בלעטער
אַרײַנגעשווידערט אין געטאָ.

האָסט געטרייסט, געדראָט און געוואָרנט
אויף פלאַמיקע שטאַפלען געגלאַנצט. —
דעם שונא געפעלן נאָר אונדזערע קברים. —
דײַן קבר איז געבליבן גאַנץ.

ס'איז אַ וואַרשעווער טאָג, אַ טריבער. —
פון מערב־זײַט ווייעט אַ קעלט.
איבער חורבות, טיפע גריבער
וואַקלט זיך נאָך די וועלט.

פון מידבר קעגן איבער
פליִען קראָען מיט אַ פינצטער געשרײַ.
שטילע דעפּילאַדעס פון מצבות
מאַרשירן אין דער נאַכט אַרײַן.

בײַם ראַנד פון נײַע מעת־לעתן
עס רוישט אונדזער האַרץ און וואַכט:
מיר זאָלן נאָר נישט פאַרגעסן
די געשוואָלענע, שוואַרצע נאַכט. —

האָסטו דאָך געדראָט און געוואָרנט
אינעם אויפשטײַג פון אונדזער גלאַנץ. —
אויף דער בלוטיקער פאָן פון יאָרן
דײַן נאָמען געבליבן איז גאַנץ.



# דאס געזאַנג פון דענקמאל

אַ בלומען־געריש
שטײַגט אַרויף
צו דעם שטײנערנעם טורעם.
אין װינט אײַנגעהאָרכט,
פאַרטראַכט אין שטורעם,
דער שטויב אויף די שטיוול איז געל
און גרינער גראַניט — דער שינעל,
רו אין געזיכט,
אויפן שטערן — ליכט.

װער זאָגט עס אַז אַ שטײן איז שטום ?
װער זאָגט אַז אַ שטײן איז אָן קלאַנג ?
דרײַ מאָל
גײ אַרום און אַרום
דעם דענקמאָל,
דעם שװערן,
קוק זיך אײַן :
אין די גלידער פון בלײַ
אין דעם פּליסיקן שנײ אויף די קעלנער –
װעסטו הערן
דאָס שטילע געזאַנג.
דאָס שטילע געזאַנג פון די זעלנער,
די זעלנער מיט אַנטשלאָפענע ברעמען :

אונדזערע נעמען —
מורמלען זײ —
זענען אײַנגעקריצט
אין דעם בליץ
פון פלי־ראַקעטעס.
רויך
און צאָרן
זענען אונדזערע קערפּערס.
מיר זענען פאַרגליװערט געװאָרן
אין לויף
אויף בראַנדז,
אויף שטײן.
אין אונדזער פאַרשטאַרטקייט
ציטערט דער זיג
פון גאַנג.
אין אײַנגעשפּאַרטקייט,
דראַנג.

אָן פײַער,
אָן האַס,
אָטעמען זײ
אויף פײַער גאַס
פון װאַרשע.
אַרום זײערע פּוסטריט
פלאַקערט דער ריטם
פון מאַרשן.
אין זײערע אויגן
לעשט זיך די זון
װי אַ שריפה.

זינגט אײנער :
— איך קום פון אַ פעסטונג אַרויס
מיט דערשיטערטע בײנער.
מײַן פאָלק איז אַװעק פאָרויס.
— און איך בין געבליבן פאַרשטײנערט
אויפן פאָסטן לעבן אַ הויז.
— און איך בין פון אונטער אַ טאַנק
אַפער װי אַ פלאַם.
אַ פלאַם
װאָס צינדט זיך אָן
אײן מאָל אין הונדערט יאָר.

— מיר האָבן געעפנט די טויערן
פון דאַכאַװער הויף.
די קינדער פאַרװיאַנעטע לאַנג
צוזאַמענגעקליבן.
איצט לאַכן שוין
קלינגעװדיק הויך
אין אונדזערע אויערן
די קינדער —
װאָס זײַנען פאַרבליבן.

אַ בלומען־געריש
שטײַגט אַרויף
צו דעם שטײנערנעם טורעם.
איז װינט אײנגעהאָרכט,
פאַרטראַכט אין שטורעם,
דער שטויב אויף די שטיװל איז געל,
און גרינער גראַניט — דער שינעל,
רו אין געזיכט,
אויפן שטערן — ליכט.

# פאַר נאַכט אין געטאָ

פאַר נאַכט אין געטאָ.
ניינצנטער אַפּריל.
אַלע פאַרבן פון די וואַרשעווער גערטענער
זענען היינט דאָ אַהער
געשווּומען.
אַלע רויזן
פון די פאַרביקע ערטער
זענען געקומען
אַ בלומענבאַרג
האָט אַהער פאַרקלעטערט.
ס'איז שטיל.
שאָפּענס טרויערמאַרש
פייפט
אין די בלעטער.

דער אינטערנאַציאָנאַל
האָט אָפּגעקלונגען
אַנטקעגן דעם שטאָל
פון באַגנעטן.

פון די הענטשקעס
אויף די זעלנערס הענט
זענען בליצן אַראָפּגעשפּרונגען
ווי טויבן ווייסע —
אַ טשאַד פון מנורות הייסע
שלאָגט
פון די דענקמאָל־ווענט.

האָבן מענטשן
בעתן לייגן די קרענץ
פאַרן דענקמאָל געקניט
זיך געבוקט
ווי צו הייליקע געטער.

נאָר די קעמפער פון געטאָ
זענען גלייכגילטיק, רויִק,
צו די סטענגעלעך כיבוד
די בעכערלעך גליק
וואָס זענען נייטיק דעם מענטש.

אין דער בריִענדיקער שטאָט פאַרקוקט
גליִען זיי אין קאַמף כסדר.
צעביסן פון פלאַמען,
צעפליקט
זענען זייערע קליידער.

אפילו דאָס קינד
אויפן האַלדז פון דער מאַמען
וואָס וואַקלט אין רויך
איז שטייף
מיט דער קראַפט
פון אַן עדה.

און דער
וואָס האָט געבויגן דעם קאָפּ
פאַרן שטורעם —
ער ווייסט נישט צוליב
זיין פאַרשלאָסענעם אָרעם.
נישט דעם פאַרשווונדענעם ליכט
צוקט זיין געזיכט.

אין דער וואַנדערונג
צווישן מאָרד,
זוכט ער אַן אָרט
צו באַשיצן דאָס לעבן
פון אַנדערע.

ס'איז אָוונט אויף דער וועלט.
און הייזער שטייען אָפן
מיט בלומען פאַר די שוועלן.
און קינדערלעך טרעטן אַריבער
חלומות זיסע.

עס קאָן שוין דער מענטש
צו אַ פאַרביקן טרוים
זיך דערהויבן.

פאַר נאַכט — אין געטאָ.
דער דענקמאָל בענטשט
די פליִענדיקע רו
פון טויבן.

ווארשע 1950.



שלום אַש

# טריומפמאַרש

ענדלעך, ענדלעך, ענדלעך... נאָך אַזוי פיל יאָרן פון גוססדיקן פּײַן, פון דערשטיקטן צער און צאָרן, איז די פאַרמוטשעטע באַפעלקערונג פון דער מאַרטירער־שטאָט וואַרשע אַרויסגעקראָכן פון די לעבעדיקע קברים צו באַגריסן אירע דערלייזער, אירע רעטער.

די רויטע אַרמיי, צוזאַמען מיט דער פּוילישער באַפרייונגסאַרמיי, צוזאַמען מיט אונטערערדישע העלדן פון אַלע שיכטן און ריכטונגען, האָבן אין אַ טריומפמאַרש אַרײַנמאַרשירט פון מאָקאָטאָווער זײַט, פון דער ווײַסל — איבער דער ברייטער גרין־ביימערדיקער אויאַזדאָווסקער אַליִע — דורך קראַקאָווסקע פּשעדמיעשטשע — אין האַרץ פון וואַרשע.

אַלע קירכנגלאָקן האָבן געקלונגען. וואָס האָבן זיי געקלונגען? זיי האָבן אויסגעקלונגען שאָפּענס לוויה־מאַרש — צום אָנדענק פון אַלע טויטע און געפּײַניקטע. אויך די מיליטער־מוזיקאַנטן האָבן געשפּילט שאָפּענס לוויה־מאַרש. וואָרעם אין דעם טאָג פון דער העכסטער פרייד האָט וואַרשע ניט געקאָנט פאַרגעסן, האָבן די זיגרײַכע אַרמייען — די גלאָררײַכע רויטע אַרמיי, די פּוילישע אונטערגרונטאַרמיי, די פּוילישע באַפרײַונגס־אַרמיי — נישט געקאָנט פאַרגעסן אין זייערע געפאַלענע חברים, אין די פאַרמוטשעטע מאַרטירער, אין דעם גרויסן קרבן, וואָס וואַרשע האָט געבראַכט, און מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ האָבן די באַפרײַער אַרײַנמאַרשירט אין דער פאַרפּײַניקטער שטאָט אונטער די קלאַנגען פון שאָפּענס טרויערמאַרש.

צו קיין שטאָט פּאַסט זיך נישט אַזוי שאָפּענס טרויער־מאַרש ווי דווקא צו וואַרשע, דווקא צום טייל שטאָט, וווּ די אַרמייען מאַרשירן איצט. דער טרויערמאַרש ווערט פאַרוואַנדלט פון אַ לוויה־מאַרש אין אַ געזאַנג פון דערלייזונג, פון הויכן רעליגיעזן עקסטאַז. עס דורכט זיך, אַז די גאַסן פון וואַרשע זינגען מיט, טרויערן מיט, דאַווענען צום קלאַנג פון די קירכן־גלאָקן, צום שאַלן פון די טראָמפּייטן און דעם קלאַפּן פון די צימבלען.

---

צו די קלאַנגען פון שאָפּענס טרויערמאַרש איז נאָך אַ טייל באַפעלקערונג אַרויסגעקומען צו באַגריסן די אַרײַנמאַרשירנדיקע זיגערישע אַרמייען, אַ טייל באַפעלקערונג, וואָס מען האָט שוין לאַנג נישט געהאַט געזען אויף די וואַרשעווער גאַסן. דאָך איז עס אַ היימישע באַפעלקערונג, דאָ געלעבט, דערצויגן, גרויס געוואָרן פאַר הונדערטער און הונדערטער יאָרן — די ייִדישע באַפעלקערונג, וואָס איז נישט אַוועקצונעמען און נישט אָפּצוטיילן פון וואַרשעווער לעבן. די ייִדן זענען אַרויסגעקומען — נישט פון די נאַלעווקעס, נישט פון דער קראָכמאַלנע, נישט פון טוואַרדע, גזשיבאָוו, נאָוואָליפּיע, לעשנע, נישט פון צענדליקער אַנדערע ייִדישע גאַסן אין וואַרשע. זיי זענען געקומען פון ערגעץ־ווּ צו שוועבן, זיי גייען און שוועבן אין דער לופטן, ווי ספערן. מען זעט זיי אָן — און דאָך זעט מען זיי נישט. זיי זענען דאָ, זיי פילן אויס דעם חלל פון די וואַרשעווער גאַסן, זיי גייען אַנטקעגן די אַרײַנמאַרשירנדיקע אַרמייען, קומען צוזאַמען פון אַלע זײַטיקע גאַסן, קומען אָן פון פּראַגע, קומען דורך דער יערוזאַלימסקער אַליִע און דורך זלאָטע און אַנדערע גאַסן; זיי קומען אָן פון מאַרשאַלקאָווסקע און פון אַלטנמאַרק און פון פראַנציסקאַנער און פון די נאַלעווקעס — אַנטקעגן די אַרײַנמאַרשירנדיקע אַרמייען.

עס דוכט זיך, אַז נאָר פון זייערט וועגן און צוליב זיי קלינגען עס אַלע קירכנגלאָקן און עס ענטפערן זיי אָפּ די מיליטערישע קאַפּעליעס. און צום טאַקט פון דעם טרויערמאַרש קומען זיי אָן.

צו ערשט גייען הונדערט און זיבעציק בתולות, יונגע מיידלעך, פון צען ביז אַכצן יאָר אַלט די ייִנגערע פאָרויס, די עלטערע נאָך זיי, אין באַגלייטונג פון זייערע אויפזעערינס און לערערינס. אַלע זענען זיי אָנגעטאָן אין ווײַסע קליידער, נאָר ווי עס פּאַסט זיך פאַר כלות, זענען זייערע פּנימער פאַרהאָנגען מיט שוואַרצע שלייערן. זיי האַלטן אַלע אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט. זיי גייען מיט שוועבנדיקע טריט, גלײַך זייערע פיס וואָלטן נישט באַרירט דעם ברוקירשטיין, נאָר ווי ספערן פליִען זיי און קומען נענטער, און נענטער, ביז זיי הייבן זיך אין דער הייך און פאַרשווינדן אין שײַנענדיקן חלל, מיט בלישטשענדיקע שטראַלן פון דער זון...

נאָך זיי גייט אײנער אַליין — ד״ר קאָרטשאַק. ער איז פאַר דער צײַט וואָס ער איז אַוועקגעגאַנגען, העכער געוואָרן מיט פיל פיל קעפּ, העכער געוואָרן און דאַרער און דינער. זײַן פּנים שטראַלט מיט אַ הימלישער פרייִדיקייט, וואָס איז אײַן־לשער. אויף זײַנע ביידע הענט האַלט ער צוויי קליינע קינדער, ייִדישע קינדער, מיט געקרײַזלטע פּיאהלעך און זײַדענע קאַפּעלעך אויף די קעפּ און ברייטע ארבע־כנפותלעך אויף די רויט־בלויע שפּענצער, וואָס די מאַמעס האָבן זיי אָנגעטאָן פאַר דער געלעגנהייט. און זעט, די וואַרשעווער באַפעלקערונג מאַכט נישט קיין חוזק, שפּאָט נישט אָפּ פון די ייִדישע פּנימלעך, פון די געקרײַזלטע פּיאהלעך, פון די ארבע־כנפותן. די וואַרשעווער באַפעלקערונג פאַלט אויף די קני בײַ די טראָטואַרן, ווען ד״ר קאָרטשאַק, גייט פאַרבײַ מיט די צוויי ייִדישע קינדער אויף זײַנע הענט; און נאָך אים — אַ לאַנגע ריי יתומימלעך, וואָס ער האָט אַרויסגעפירט פון זײַן אַנשטאַלט.

און נאָך ד״ר קאָרטשאַקן גייען אַנדערע קינדער. עס גייען די קינדער פון מעדעם סאַנאַטאָריע באַגלייט פון זייערע לערערס און

אויפזועער, אנגעקומען פון די קאלבאויוונס, ווו מען האט זיי פארברענט. קוקט אויף זייערע פנימלעך: די פנימלעך זענען געל, די בעקלעך רויט. איך וועל אייך איינרוימען א סוד: זיי זענען אלע קראנק אויף שווינדזוכט. דערפאר, זעט ווי עס פלעמלען זייערע שווארצע אייגעלעך, פשוט ווי שטערנדלעך, ווי בלויע טונקעלע שטערנדלעך אין טיפן־טיפן הימל אין א טינטשווארצן הימל. טייל פון זיי טראגן קאפעלעך און האבן אויך געקרייזלטע פיאהלעך — און פון אונטער די שפענצער באמבלען זיך די ציצית. נאר די מערסטע פון זיי זענען שוין „היינטוועלטיקע", טראגן די יידישע היטעלעך מיט דאשיקלעך. זעט זייערע הענטלעך — דינינקע, דינינקע. זיי האלטן פענדלעך אין די הענט, רויטע פענדלעך, און אלדאס גוטס אויף זיי אנגעשריבן, וואס פאר א וועלט דאס וועט זיין, ווען משיח וועט קומען — איך מיין, די סאציאלע רעוואלוציע. און מיט הייזעריקע קולכלעך, אויס סוכאטנע איינגעפאלענע בריסטן זינגען זיי, אין איינעם מיט זייערע לערערס, די „שבועה", די שבועה, וואס זיי האבן געשווירן, בעת מען האט זיי אין טויט אריינגעטריבן, צו די גאזאויוונס, ווו זיי זענען נעבעך דערשטיקט געווארן.

און פון די קברים זענען אויך ארויסגעקומען זייערע עלטערן, טאטע־מאמעשי פון דער פראנציסקאנער, ווו די ארעמקייט צום טיפסטן שטעקט. שטייען טאטע־מאמע, ווארשעווער חסידים, ווארשעווער טרעגער, אפגעבליאקעוועטע מוטערס מיט אויסגעקראכענע שייטלען, און זיי פרייען זיך מיט זייערע קינדער, ווי איך האב זיי א מאל געזען ביי דער אטוואצקער באן אפווארטן זייערע קינדער, ווען זיי זענען פון „וואקאציע" צוריקגעקומען.

און נאך זיי קומען, מתנות קינדער, קינדער פון גוטע הייזער, מיט פאנטאפעלעך און זיידענע מענטעלעך, מיט סטענגעלעך איינגעפלאכטן אין די צעפעלעך, קינדער אין זיידענע זשופיצעס און זיידענע רעקלעך, נאך זיי קינדער אפגעריסענע־אפגעשליסענע, אין טאטע־מאמעס צו גרויסע שיך אויף די שמוציקע פיסלעך. נאר אלע קינדער האבן שוין געהאט פליגעלעך. פליגעלעך זענען געווען אויסגעוואקסן ביי זיי„ גלויבט מיר אויפן ווארט, און מיט די פליגעלעך זענען זיי געקומען צו פליען פון ערגעץ־ווו, פון דער וויט, צו באגריסן די אריינמארשירנדיקע באפרייונגס־ארמייען. און אט א הייב, זיי זענען שוין נישטא. פשוט אזוי, ווי עס זאגט זיך אין ביאליקס ליד וועגן משהלעך און שלמהלעך.

און נאך די קינדערלעך גייט א בכבודיקע דעפוטאציע פון די סאמע אנגעזעענסטע רבנים פון פוילן, מיט די דיינים פון ווארשע אין שפיץ. וועמען האט מען דארט נישט געזען? דאס ביסל תורה פון פוילן, אלץ וואס פוילן האט געהאט צו געבן, האט זיך דארט געפונען. תורה ווי דאס וואסער פון ים; גאוני־הדור, חריפים, עוקרי־הרים, וואס זייערע נעמען האבן געקלונגען איבער דער מדינה ווייט און ברייט; ראשי־ישיבה פון די גרעסטע פוילישע ישיבות, מורי־דאתרא'ס פון די אנגעזעענסטע שטעט. און היינט די חסידישע רביים, דריי אטוואצקער מיט דעם הויכן, דארן רבין פון דער זרע פון דעם „יד הקדוש". באגלייט פון זייערע מקורבים, גבאים, שמשים, אייניקלעך און איידעמס, גייט די הייליקע כנופיא צוזאמען און איז טאקע דא אויפן ארט זיך מפלפל אין לערנען, ווארעם קיינער האט נאך נישט געזען אזא פארזאמלונג קיין עין־הרע, פון גאוני־הדור. טייל פון זיי זענען געגאנגען די טלית און תפילין, מיט סדורים און ספרים אונטער די ארעמס; טייל זענען געגאנגען בדחילו־ורחימו, מיט דערפאלג און ליבשאפט, אזוי ווי זיי זענען נפטר געווארן. מען האט אנגעזעען אויף זייערע פנימער די גרויסע כוונה אנצוהעפטן זיך אן דער „שכינתא דקדושא ברוך הוא". אנדערע זענען געגאנגען און זייערע קעפ זענען געווען אין הימל זייערע אויגן פארמאכט; זייערע הענט אויפגעהויבן, אינגאנצן אויפגעגאנגען אין „אחד". אויף פיל פנימער איז פשוט געווען אויסגעגאסן דער זיו־השכינה (דער שיין פון דער שכינה). מען האט אנגעזען אין זייערע פינקלדיקע אויגן דאס ליכט, וואס זיי האבן דערזען בשעת זיי האבן געאיינציקט דעם רבונו של עולם ביי יציאת נשמה. זייערע אויגן האבן געשיינט און געלויכטן פון לויטער פרייד ווי ביי דעם אנבליק פון דער שכינה, וואס האט זיך באוויזן צו זיי אין שווארצע שלייערן איידער זיי האבן די אויגן פארמאכט, ממש ווי די בתולות, וואס גייען פארויס.

און ווונדער איבער ווונדער . . . זע„ די ווארשעווער באפעלקערונג מאכט נישט קיין חוזק פון זיי, מאכט נישט קיין חזיר־אויער פון דער פאלע פון ראק, שרייט נישט נאך „זשידזשי פארכי — דא פאלעסטיני", רופט נישט נאך „ביילים", נאר פון קליין ביז גרויס פאלן זיי אלע אויף די קני, גראבן איין די פנימער אויף די בריסטן, הייבן די הענט צום הימל; פון טייל קולות רייסט זיך א כליפ א געוויין; אנדערע צלמען זיך, נאך אנדערע שטרעקן אויס די הענט צו די רבנים און בעטן זיך: „א, זגאטליווע ראביני, זייט אונדז מוחל פאר די חרפות און בושות, פאר דער פארשעמטקייט און פאר די עוולות, וואס מיר זענען באגאנגען קעגן אייך. מיר האבן נישט געוווסט ווי אייך צו שעצן".

און נאך די רבנים גייען די העברעישע סופרים און געלערנטע, די יידישע דיכטער, קינסטלער, זשורנאליסטן, שרייבער־מיטארבעטער פון די גרויסע יידישע צייטונגען, די פראפעסארן פון יידישן אינסטיטוט ביי דער טלאמאצקער שיל, די לערער פון די העברעישע גימנאזיעס, די לערער פון די יידישע שולן, די גאנצע אינטעליגענץ פון ווארשע.

ווער איז דארט נישטא צווישן זיי?

אין שפיץ פון דעם אנגעזעענעם קאמיטעט, וואס צווישן זיי געפינען זיך די פני פון דער ווארשעווער אינטעליגענץ, גייט דער „ארי שבחבורה", דער „קדוש וטהור", ר' הלל צייטלין, דער גייסטיקער מנהיג פון פרומען פוילישן יידנטום, וואס איז לויטער גייסט און וואס זיין רעליגיעזער השפעה אויף דער יוגנט איז געווען מעכטיק. שוין זיין דרויסנדיקער אויסזען איז ווי פון א נביא: זיינע רויט־ווייסע שטייענדיקע האר אויפן קאפ, זיין הדרת־פנימדיקע רויטע בארד און זיינע אייביק־פארחלומטע, אייביק־גלאנציקע גרויסע אויגן, וואס עס דוכט זיך, אז זיי זעען פארהוילענע וועלטן. א הייליק פייער ברענט אין זיינע גלידער — „כל עצמותי תאמרנה"... אזוי האב איך אים געזען דאס לעצטע מאל.

ער גייט מיט אן אויסגעשטרעקטע האנט, רעדט עפעס צו זיינע חברים — און אלע הארכן זיך איין צו אים. ער ברענגט א פארהוילטן מדרש, פול מיט רמזים, א שטעל פון „זוהר", אדער פון אן אנדער קבלה־ספר, וואס ער פאסט צו אויף דער היינטיקער צייט.

נאך אים באלד גייט דער שטילער בנעימותדיקער אייראפעיש־געבילדעטער גרויסער געלערנטער, פראפעסאר באלאבאן. זיינע מאנומענטאלע געשיכטלעכע ווערק וועגן לעמבערג, וועגן קראקע, זיין „פראנק און די פראנקיסטן", זיינע הונדערטער עסייען איבער יידישער געשיכטע האבן אים געמאכט פאר דעם באדייטנדיקסטן היסטאריקער פון פוילישן יידנטום. מיט אים פירט אן אייביקע דיסקוסיע אונדזער אייגענער ליבער ד"ר שיפער. — ד"ר שיפער, וואס באדארפט איר זיך מישן אין פאליטיק? איז זענט א געלערנטער,

דער פארשער פון יידישן עקאנאמישן און קולטורעלן לעבן. איך זענט א קולטור־טרעגער, לאזט גרינבוימען פירן דאס רעדל אין קאלא — א, ד"ר שיפער, ווי בענק איך נאך אייך!

גאר אן א זייט, ווי פאר זיך פארטראכט, גייט פראפעסאר שטיין, דער באשיידענער צניעותדיקער געלערנטער פון יידישן אינסטיטוט, חברים, וואס קענען און ווייסן א העלפט, וואס ער, וועגן דער אלט־גריכישער ליטעראטור, שמען אין דער וועלט. און אט־דאס דינע, קליינע מענטשל האט אנגעשריבן די בעסטע מאנאגראפיע וועגן דעם גריכישן פילאזאף פילא אין העברעיש, די בעסטע, וואס עס געפינט זיך אין אלע לשונות.

און הײַנט די יינגערע, די אייגענע חברים, דיכטער, שרייבער, ברידער פון דער פען, גאנץ טלאמאצקע, מיט חבר קאווע אין שפיץ. א, טייערע און געליבטע ברידער, וואלט איך געוועזן דארט, וואלט איך זיך מיט אייך געפונען. און הײַנט געפין איך זיך אויך צווישן אייך. איך גיי מיט אייך, צווישן אייך, מקבל־פנים זיין די ארייןמארשירנדיקע באפרייאונגס־ארמייען.

ברידער־חברים, היטלער איז טויט. מיר טאנצן אויף זיין קבר, ווי איציק פעפער זינגט. יא, מען מעג שוין, מען מעג שוין, ברידער־חברים, פעפער איז אן אונדזעריקער. קומט, לאמיר זיך אלע געבן די הענט! חברים זענען מיר אלע, מיר געהערן צו איין פאליצע ביכער. ווער עס וועט אונדז ארייננעמען, ווער עס וועט אונדז ארויסווארפן — זיי זענען אלע געשטארבן מיט אייך און מיר אלע לעבן מיט אייך אין יידישן גייסט, אין דער יידישער ליטעראטור.

און ווייטער גייט די ווארשעווער יידישע באפעלקערונג. זעט זיי, קוקט זיי אן: די פני, די אריסטאקראטיע, די סוחרים פון נאלעווקעס, פון גענשע, דזשיקע, דאוועגער פון טלאמאצקער שיל און ציליגדערם פון „משהם גלויבן", וואס דרשנען פויליש אין יום־כפור ארײַן, ביז די ציוניסטן פון נאזשיקס שיל, סוחרים, באנקירן, וועקסל־אויסטוישער, עקספעדיטארס, אייזנהענדלער, זעט זיי „חצי שכי, חצי שלך", האלב צו גאט, האלב צו מענטש. מען האלט אויס א „הצפירה", מען קויפט א שקל, מען שטיצט א חדר מתוקן, דעם אייגענעם זון אבער שיקט מען אין פוילישער גימנאזיע — צוליב „פראוועס", די טאכטער — אין א פוילישער שול. נאר נישט קריטיקירן. אלץ איז פארבײַ. איצט גייען מיר די רויטע ארמיי מקבל־פנים זיין, דעם גרויסן חשבון מיט היטלערן מאכן. אלע זיצן מיר בײַם טיש. קומט אהער יידן־אסימילאטארן, יידן־ציוניסטן, יידן בכלל, גלאט אזוי, און מאכט פלאץ, „פנו דרך": דער „בונד" קומט צוגיין, דער עלטערער און דער „יינגערער", קאמאשנשטעפער מיט שטעקעלעך אין די הענט, מיט גומענע קראגנלעך, טריקאטן־וועבער מיט אייננגעפאלענע בריסטן, מיט נעז און העלדזער פארלייגט פון דער פײַכקייט פון די קעלערשטיבער. און הײַנט סוביעקטן, סוביעקטן, סוביעקטן אן א שיעור: בוכהאלטערס מיט ווייסע קראגעלעך — פאר צוויי הונדערט זלאטעס א חודש א שוויגער מיט א קראנקער מאמע אויסצוהאלטן; דערצו גיט מען אפ פאר אלערליי נויטן — פון דער אייגענער פארטיי ביז דעם אויסהאלט פון דער יידישער גמינע. הונגער בײַ טאג, קעלט בײַ נאכט, לעבט מען מיט דער איין־אייננציקער האפענונג, מיט דעם „אידעאל", וואס די פארטיי גיט. קריגט זיך נישט, איך בעט אייך, מיט אײַערע ברידער פון דער פועלי־ציוניסטישער פארטיי, זעט, זיי קומען אויך אן, פועלי־ציוניסטן פון אלע ריכטונגען, פון „השומר הצעיר" ביז זרובבלס לינקע, פון פועלי־ציון די פרומע ביז צו די „קאזשיאנגע", וואס שטייען אונטער דער גרינבוים־שיפער השפעה. קריגט זיך נישט מיט אן אנדער, איך בעט אייך, הײַנט לאזט אפ, הײַנט איז „הרת עולם", הײַנט גייען מיר אלע צוזאמען... און זעט, בײַ אונדז אלעמען זענען דאך שוין פליגלען אויסגעוואקסן. מיר האבן דאך שוין דאס אונדזעריקע אויסגעפירט. האבן מיר נישט געקאנט אויף איין ערד זיין, געפינען מיר זיך אלע צוזאמען אין הימל. ווי עס זאל נישט זיין, אין איין קאלכאויוון האבן מיר זיך אלע געברענט, היטלער האט אונדז אלע אין פייעראויוון געווארפן, די יידישע געשיכטע האט אונדז אלעמען אין די הימלען אויפגעהויבן.

---

איצט ערשט קומט „אמכא", דער „המון־העם". און ווער איז דא נישטא? שווארץ זענען די גאסן, ווי איין גרויסער ים מיט קעפ און הענט. זעט די קעפ: מיט חסידישע שטריימלעך, סאמעטענע היטעלעך, קליינע דאשעקלעך, קאפעליושלעך און בלויזע האר פון די מאדערנע נײַע, פון די וועגעטאריאנער, וואס גלויבן אין נאטור. זעט, זעט, ווער עס איז דא נישטא — גאנץ ווארשע. חסידישע היטלען, פונקט ווי אויף דעם ווינער באנהויף בשעת דער גערער רבי פארט אין באד; קאפעליושלעך און נאקעטע קעפ, פונקט ווי אויף א בונדיסטישער מאניפעסטאציע דעם 1טן מײַ. פון די טרעגערס אויף קראכמאלנע און פארן גזשיבאוו, מיט שטריק אויף די פלייצעס, מיט ציין, אויסגעהאקטע אין געשלעגן, מיט קללות אויף די ליפן: „איך וועל היטלערן די בעבעכעס אויפטרענען, וועל זײַנע אדערן טרייבערן" — ביז צום צוריקגעהאלטענעם פרומען יידן, דעם סאכאטשעווער חסיד אויף די פארקרימטע ליפן אין דער גרויסער באד; שטייט בדחילו־ורחימו ווי אין רבינס הויף און שאקלט זיך. אלע זענען דא.

און הײַנט די ווײַבער. קוקט זיי אן. פון שטערן־טיכלעך מיט פליטער־פעדערן פון אלטע צײַטן ביז צו אייגענע האר; פון חסידישע הויבן מיט אטלאס־בענדלעך ביז צו בערעט־היטעלעך א לא פאריז. ווײַבער פון דער חברה „שומרי שבת", וואס גייען איבער די הויפן ארום זאמלען חלות איינצוטיילן פאר ארעמע לײַט, ביז צו די אריסטאקראטקעס פון דער „דאבראטשליוואשטש" — „טאוואזשיסטווא דליא סטארע זאקאנניך". טייל פון זיי האלטן קינדער אויף די הענט, די ארעמע בײַ די בריסטן — דו פארשטייסט, דער גראבער המון — אנדערע אויפן אויער געזאגט, קינדער אין די בײַכער. אלע זענען זיי דא, אלע זענען זיי געקומען, האבן אנגעפילט די גאסן, אנגעפילט געדיכט, אנגעפראפט, אז עס דוכט זיך, א שפילקע איז נישט צו ווארפן צווישן זיי.

צום סאמע לעצט איז אנגעקומען א קאלאנע אין גלײַכע דיסציפלינירטע רייען. ווי מיליטער־לײַט האבן זיי פאראדירט — אן אוניפארמען, האלב־נאקעט, די לײַבער באדעקט מיט ווונדן. האלט אין דעם אטעם, שטייט שטיל, די קעפ אראפגעבויגן, טיף פארנייגט צו דער ערד, פאר די העלדן־קדושים, וואס מארשירן איצט פארבײַ. גענעראל קלעפפיש פארויס פאר זיי — א לאך אין האריץ פון א דײַטשער קויל אנשטאט א מעדאל טראגט ער מיט צניעותדיקן שטאלץ, פארגליווערט ווי א רענדל פון בלוט. — אין דער האנט א רעוואלווער, אזוי פירט ער דעם מארש. רעכטס און לינקס גייען מיט מיט אים צוויי גענעראל־אדיוטאנטן — שלמהלע דער שומר־הצעיר און איציק רויטער דער באלשעוויק. איך האב זיי ביידן געקענט. ווי קלעפפיש, דער בונדיסט, זענען שלמהלע און איציק געווען נישט קיין פראלעטאריער, נאר „טאטנס זין". איך וועל זייער יחוס אויסרעכנען אן אנדערש מאל. איצט לאזט מיר דערציילן וועגן דעם פאראד, וואס זיי פירן אן.

פארויס פאר זיי די פאן, וואס האט געפלאטערט פון דעם ברענענדיקן דאך ביז דער לעצטער מינוט אין בלוי און ווייס. געלע־

כערט פון קוילן, צעריסן אין פאסן, באפלעקט מיט בלוט, פלאטערט זי איצט מיט כבוד און גלאריע, קיין שונאס האנט האט זי נישט מטמא געווען. ביז צו דער לעצטער מינוט, ביז צום לעצטן אטעם האט זי פון פייערדיקן דאך געפלאטערט. און ווען דער דייטש האט צו איר דערגרייכט, האט יעקל דער קאמאשניק, פון קליינעם בונד א יאט, געגעבן זי א כאפ, צו זיין פארבלוטיקטער ברוסט א דריק — — און איז מיט איר צוזאמען אין פייער געשפרונגען. די פאן און זיך געבראכט אומבאפלעקט פארן „כסא־הכבוד" אליין.

איצט פירט ער זי. יעקל דער קאמאשניק, פון „קליינעם בונד" א יאט, דער בויך ביי אים געעפנט פון א דייטשער קאנאנען־קויל, דער קאפ אין באנדאזשן. פוןביידע זייטן — כבוד־באגלייטער פון דער פאן — נעכאמע די חלוצטע און בארענשטיין דער קאמוניסט.

נעכאמע די חלוצטע האט עס געהאלטן אין איין מונטערן: „עם ישראל חי", בשעת אמוניציע האט זיך אויסגעלאזט און חברים, געבאדן אין קאלוזשעס בלוט, זענען געלעגן פארשפרייט ארום — און איר „עם ישראל חי" האט מחיה־מתים געווען.

בארענשטיין, מיטן פארטיי־נאמען „וויכער", דער דארער, בלייכער, אויסגעטריקנטער יונגערמאן, האט ווי א שטורעם זיך געטראגן דורך די דייטשע רייען. א „רואה ואינו נראה" געווען די גאנצע צייט, האט געשלייכט זיך ווי א שאטן דורך די טויערן און רעוואלווערן און קוילן געשמוגלט אין געטא אריין. איין מאל אבער האבן אים די דייטשן געכאפט און פשוט פון זיין לייב א זיפ געמאכט. איצט האט ער אלע זיינע ווונדן צוזאמענגעבונדן — און מיט דעם שמיכל פון זיג גייט ער באשיידן ביי דער זייט פון דער פאן, צוהינקענדיק אויף א פוס. אלע ווונדן, אלע לעבער, וואס דייטשע מעסערס האבן געשניטן זיין לייב, צוזאמענגעלאטעט, נאר דאס קרומע פיסל, באקומען אין פוילישן קאנצענטראציע־לאגער ווי א „ייִד־באלשעוויק", האט ער פאר זכרון זיך איבערגעלאזט...

אזוי פאראייניקט, ציוניסט, בונדיסט, קאמוניסט, ארום דער ייִדישער פאן אין דער שלאכט פון דער געטא, מארשירן זיי איצט פון די בלעטער פון דער ייִדישער געשיכטע אראפ נאכן טויט. א ווארנונג פאר דעם היינט, א טרייסט פאר דער צוקונפט.

און ווי די פירער, אזוי גייען די מארטירער־העלדן, געשלאסן אין די רייען, אקוראט ווי זיי האבן צוזאמען געקעמפט פון די שפאלטן, פון די לעכער, פון די קעלערס און די דעכער. ציוניסט, בונדיסט, קאמוניסט, פרומער ייִד, חסיד און „דייטש" — אלע אויסגעמישט, יעדער איינער פון זיי געחתמעט מיט דער חתימה פון קידוש־השם פון דער „פמליא של מעלה" אליין. יעדער איינער פון זיי איז אויסגעצייכנט מיט די לעכער פון דייטשע ביקסנקוילן, וואס האבן דורכגעזיפט זייערע לייבער, פון אלע ווונדן טריפן טראפנס בלוט. בונדיסט, קאמוניסט — דאס בלוט איז איינס, ייִדיש בלוט. איין גזלן האט עס פארגאסן. דער קרבן איז איינער, דער שונא איז איינער, די נקמה איז איינע, דער נצחון איז איינער, די נחמה, די ישועה, די דערלייזונג איז איינס, דער עבר איז איינער און דער עתיד איז איינער: עם ישראל חי!

און נאך זיי גייט איינע אליין א מוטער א ייִדישע. א הויכע אין געשטאלט, איינגעהילט אין א שווארצן טוך, האלט זי א טויט קינד אין די הענט — און עס הערט זיך פון דעם שווארצן טוך ארוים א קול, דין און שטיל ווי א טויב, א יללה פאר זיך אליין. ווי די מוטער רחל, טענהט זי זיך פארן רבונו של עולם אוים, זי האט נאר איין איינציק ווארט צו זאגן: „אברהם אבינו האסטו נאר אויף נסיון געשטעלט, פון מיר האסטו דעם גאנצן קרבן פארלאנגט". און דאס איז נאר, וואס זי האט געהאט צו זאגן.

און מיט דעם האט דער מארש פון די טויטע זיך אפגעשלאסן — און עס האט זיך אנגעהויבן דער מארש פון די לעבעדיקע.

---

מיט א מאל זענען אלע פארשוווּנדן. אלץ איז געווען ווי א חלום, וואס האט זיך געחלומט. פארשוווּנדן זענען די דעפּוטאציעס, פארוויסט איז געווארן דער ים קעפ, גלייך זיי וואלטן נישט געווען. דאס גאנצע ווארשעווער ייִדנטום איז געפלויגן אין דער לופטן און געלאזט די ערד פריי.

שטיל איז געווארן די לופט. עס האט זיך נאר געהערט דאס איינזאמע קלינגען פון די גלאקן שאפענס טרויערמארש. און די גלאקן האבן אן עכא אפגעשלאגן אין דעם מארש פון די טריט, און די טריט פון די אריינמארשירנדיקע ארמייען.

פלוצלינג איז פון א הינטערגעסל ארויסגעקומען א קליינע גרופע מענטשן, מענטשן אין צעריסענע קליידער, בארוועסע, מיט צעפאטלטע האר. מוטערס, וואס האבן אויסגעקוקט ווי משוגעים, מיט פלאמנדיקע אויגן, מיט קראנקע קינדער אויף די הענט, ביי די הענט; פאטערס אליין, יונגע און עלטערע, טייל מיט ביקסן, פארווארפן אויף די פלייצעס, מיט צעשויבערטע האר, מיט צעפלאשעטע בערד; שטיקער בלוטיקע לייבער האבן ארויסגעקוקט פון די צעריסענע טראנטעס, די נאקעטע פיס פארבלוטיקט, צעהאקט אן שטיינער, טייל פארבונדן מיט שמאטעס. די קינדער, וואס האבן זיך נאכגעשלעפט נאך די עלטערע, זענען געווען ווי קליינע חיהלעך; מיט צעשראקענע אויגן האבן זיי זיך ארומגעקוקט ווילד, ווי מיט אימה, צי עס קומט נישט ווער נאך זיי.

אזוי איז די גרופע דערשראקענע מענטשן, ווי ארויסגעגראבענע פון קברים, אנגעקומען — און זיי האבן זייערע ציטערדיקע הענט אויסגעשטרעקט אנטקעגן די מארשירנדיקע ארמייען.

אלץ איז שטיל געווארן און אלץ האט זיך אפגעשטעלט. די מוזיק האט אויפגעהערט צו שפילן. די קירכנגלאקן צו קלינגען. דער פארויס־רייטנדיקער גענעראל אויף זיין ווייס פערד האט געגעבן א קאמאנדע און דער מארש פון די אריינציִענדיקע ארמייען איז געבליבן שטיין. דאס ביסל פאליאקן, וואס האט אנגעפילט די פארפארבלוטיקטע גאסן, האט זיך אפגערוקט, געמאכט פלאץ פאר דער גרופע קראנקע מענטשן אין שמאטעס, מיט צעבלוטיקטע לייבער, מיט צעשראקענע אויגן, און געשעפטשעט צווישן זיך:

— דאס איז דער רעשט פון די ייִדן אין ווארשע.

דער אנפירנדיקער גענעראל איז אראפ פון זיין פערד און האט זיך טיף פארבויגן פאר דער גרופע פארבלוטיקטע מענטשן.

— איך בויג מיין קאפ — האט ער געזאגט — פאר די ייִדישע מארטירער פון פוילן. איר זענט דער עכסטער קרבן. אבער צוגלייך אויך די גרעסטע העלדן פון היטלערס מלחמה. מיט אייער זיין און אייער אויסדויער האט איר געוווּנען די מלחמה קעגן היטלערן.

נאך אים זענען צוגעקומען די גענעראלן פון די אנדערע באפרייונגס־ארמייען פון די פוילישע ארמייען. זיי האבן זיך אויך פארבויגן פאר דעם רעשט ייִדן און געזאגט:

— ווארשע וועט נאך לעבן — מיט אייך. אן ייִדן איז נישטא קיין ווארשע. פירט ווייטער אן.

און מיט א מאָל האָט זיך דערהערט אַ שטים. עס איז געווען די שטים פון דעם האַלבן מיליאָן ייִדן אין ווארשע, די שטים פון די דרײַ מיליאָן ייִדן אין פּוילן. פון נישט־אָנגעזעענע ספערן האָט די שטים אַראָפּגענידערט אויף דער ערד, די שטים פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געלעבט אין פּוילן, פון אַלע רבנים, גוטע־ייִדן, שרײַבער, כלל־טוער, גנבים, שטאַרקע, שלעגער, פּראָסטע ייִדן, חסידים, קאָמוניסטן, בונדיסטן, ציוניסטן, פון אַלע ווײַבער און קינדער, וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם דורך היטלערס „ארבע מיתות". די שטים האָט גערופן און געזאָגט:

„ייִדן פון פּוילן, אין אײַער בלוט איז אײַנגעקנאָטן ייִדישע געשיכטע פון טויזנט יאָר. אין אײַערע הערצער שלאָגט דער דופק פון דורות למדנים, רבנים, שרײַבער, פירער. דער ייִדישער גורל הענגט אָפּ פון אײַך. איר זענט דער רעשט פון אונדז אַלעמען. איר מוזט לעבן. איר וועט לעבן און אין אײַך לעבן מיר אַלע!"

און אַ נאָכרוף האָט זיך דערהערט פון אומבאַקאַנטע שטימען, פון הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען פאַרפּײַניקטע פּוילישע מענטשן, וואָס האָבן גערופן צו די ייִדן:

ייִדן פון פּוילן, מיר זענען פאַרפּײַניקט געוואָרן פאַר אַ פרײַער פּוילן, נאָר אָן אײַך איז נישטאָ קיין פּוילן. לעבט ווײַטער!"

(אַרויסגענומען פונעם בוך פון שלום אַש „דער ברענענדיקער דאָרן" אַרויסגעגעבן פון דעם פאַרלאַג פונעם ייִדישן פּראָטער־נאַלן פאַלקס־אָרדן, ניו־יאָרק 1946)





„דער וויכוח" (אייל־בילד פון יעקב וויינלעז)

משה שולשטיין (פאריז)

# די זון פון אפריל...

צום צענטן יארטאג פון אויפשטאנד אין ווארשעווער געטא.

די זון פון אפריל רופט ארויס פון דער ערד
דעם מינסטן געוויקס און דער קנאספ פון די צווייַגן,
און אייַך, וועמען ס׳האט נישט קיין פייַער פארצערט,
זי רופט אייַך ארויס פונעם פארכטיקן שווייַגן.

זי רופט אייַך פון אונדזער זכרון ארויס,
פון הארץ פונעם פאלק — דעם געזיכערסטן בונקער,
ווי דאן מיט די נעגל און צינדפלעשער בלויז
אנטקעגן דעם פרייַס און פארפאנצערטן יונקער.

אין חודש אפריל אויף דאס נייַ בליט איר אויף
צוגלייַך מיט דער פלאמיקער רויז, מיט די גראזן
און בליִעכץ אין גרוז פון מייַן ווארשעווער הויף,
וואס מעריך־ווינטן טראגן דארט אן און צעבלאזן.

צען יאר שוין ווי ס׳האבן די רויכן פארמעקט
פון גאסן און הייַזער די לעצטע קאנטורן,
אזוי ווי א שטורעם — פארפלייצונג פארדעקט
פון ערד, פון יבשה די מינדסטע שפורן.

מיט זיך האבן רויכן פארשלעפט און פארווישט
די שארפע פראפילן פון דעכער און ראגן,
נאר האבן מיט אייַך זיך אין רוים נישט פארמישט —
אן אייַך האבן זיי זיך אין אין־סוף צעטראגן...

אזוי ווי די זון קאן בלויז ווערן פארדעקט
א ווייַלע פון וואלקנס, די סאמע געדיכטע,
נאר מוזן זי לאזן... אזוי אומבאפלעקט
געלאזט האבן רויכן אייַך — העלדן געזיכטער...

די זון פון אפריל גייט פון וואלקנס ארויס
און איר — פונעם רויך, אונדז דעם וועג צו באשייַנען,
איר שטעלט זיך פאר אונדזערע מאלצייַטן אויס,
ס׳מישט אויס אייַער בלוט זיך מיט אונדזערע ווייַנען.

ווי אייביקע מאנער, איר קלאפט בייַ אונדז אן,
איר קומט מיט א שבועה די דורות באשווערן,

באזונגטע — איר פירט אונדז נאך אלץ ווי א פאן,
געפאלענע — הייבט איר זיך אויף ביז די שטערן...

איר פירט אונדז... מייַן הארץ לאזט זיך אפ ווי א פייַל
מיט שווּנג, וואס קיין קראפט קאן אין וועג נישט פארהאלטן;
עס לאזט זיך צו הייף מיט אייַך אין געאייל,
צו קעלערס, ווו קינדווייַז איך פלעג זיך באהאלטן —

און ווו זיך באהאלטן איצט קומט קינד — און קייט —
די לעצטע פארבליבענע געטא־באוווינערס,
דעם זכר פון לעבן פון אויבן פארגייט —
אלץ טיפער, אלץ טיפער, אוועק פונעם שונא.

פון דארט, ווו ס׳ווייסט מער נישט פון זונשייַן די גרוב,
אן אייביקער פנקס וועט אייביק דערציילן
ווי דייַטשלאנד פון הימלער, פון געבעלס, פון קרופ
פארטריבן האט ווידער דעם מענטש אין די היילן.

די לעצטע באוווינערס... ס׳האט ווי א וואמפיר
דעם אומשלאג דאס חיות געצאפט זינט מעת־לעתן;
אזוי ווי די שטשורעס בייַם מת פאר דער טיר —
די בראך האט אויף שטיקער דאס געטא צעפרעסן;

ווי פייַער גייט איבער פון שטרוי צו א שטרוי,
דער טיפוס פון גוף צו א גוף איז אריבער,
די קויל האט געשניטן די לופט מיט געוואַי,
אזש ענג איז געווארן דעם טויט אין די גריבער.

אין גריבער איז ענג און אין געטא — געדרויס,
נאר שטיל רופט זיך איבער א גארן מיט גארן:
זאל ווערן דעם פייַנט יעדער מויער א צוים,
באפאלן אים זאל יעדער ציגל מיט צארן!

דער פלאנטער פון הייף זאל אים ווערן א נעץ,
אריין זאל ער ווי א פארבלאנדזשעטע חיה,
פארזונקען זאל ווערן דער שטאלענער געץ
מיט זייַנע מונדירן, די פרישע, די נייַע...

פאַר פּסח ... מ'האָט כשרן הײַנט נישט פאַרזוימט,
נאָר ס'חמץ — געווען איז נישט וואָס צו פאַרזוימען,
דאָס געטאָ אַלײַן איז הײַנט ליידיק, פאַרזוימט,
דאָך לויערט מיט קראַפּט יעדער דאַך, יעדער קוימען.

די וואַרשעווער דעכער! איך האָב זיי געקענט.
דאָס יינגלשע האַרץ פלאַטערט אום אין די בוידעמס,
קלאַפּט אָן ווי אַ פויגל אַ קראַנקער אין ווענט,
וואָס פלעגן מיך שרעקן מיט רוחות און שדים.

געווען איז דאָס שפּעטער פאַר מיר אַזאַ גליק
באַקוקן פון דאַנען מײַן שטאָט פּאַנאָראַמע,
וואָס רחבותדיק שפּרייטן זיך פלעגט פאַר מײַן בליק
אַזוי ווי דער וואַרעמער שויס פון אַ מאַמע.

פון דאַנען פלעגט אָפט איבער דראָטן אַוועק
אַ ליכטיקע פאָן, ווי אַן אָנזאָג, אַ בשורה, —
שוין דעמאָלט האָט זי אונדזער געטאָ געוועקט,
צעפּאָכט, ווי דאָס פײַער אין קוזשניע — זײַן גבורה,

זי זאָל איצטער זײַן הינטער יעטוועדן דאַך,
ווי שרויט אין גראַנאַט — אינעם האַרץ דעם צעשפּאַרטן,
אַז ווי נאָר אַ ברעט, זאָל עס ווערן אַ וואַך,
אַן אויסקוק אַ טרײַער דער פּײַנט צו דערוואַרטן...

די שיפקייט פון בלעכן זײַן אָנקום באַדראָט,
ווו ראָגן און שיידוועגן שווײַגן פאַרביסן,
זיי טראָגן פאַרבאָרגן אַ גרויזאַמען סוד,
וואָס בלויז אין דער שפּאַרע דער ווינט קאָן אים וויסן.

די ראָגן פון געטאָ... דאָ פלעגט מען אַ מאָל
אַ רעדנער פאַרהייבן אויף אַקסלען פון יונגע,
פון קעלערן טיפע נאָך הערט זיך אַ קול,
ווו לידער פון באָטווינען האָט מען געזונגען.

אין בוידעמס אַן עכאָ נאָך קלינגט פונעם קול,
ס'שײַנט אָפּ אין די לעכער פון פאָנען דער צונטער,
די אַקסלען פון יונגען בײַם ראָג פון אַ מאָל
זיי שפּאַרן ס'פאַרשטאָרבענע געטאָ הײַנט אונטער.

דאָס געטאָ איז שטיל, נאָר נישט שטיל ווי אַ מת,
ווען ס'הערן דעם גאַנג שוין פון שונאים די גאַסן,
זײַן סוף באַלד נישט חתמענען וועלן עס"עס
מיט זייערע הילכיקע שטיוול־אָפּצאַסן.

דערשיטערט בײַם פרילינג אַנטפאַלט יעדעס בלאַט,
דער הימל זיך עפנט אַ ברייטער מיט שטורעמען —
די שטילקייט רײַסט אויף דער געבענטשטער גראַנאַט,
אויף שטיקער צעפליקט ער די גאווה פון שונא!

מער וועט מען נישט שלעפּן און רײַסן פאַר קעפּ,
מער וועט מען נישט כאַפּן צום טויט און פאַרנאַרן,
דאָס בלוט פון תלינים בײַ טירן און טרעפּ
ליגט ווי אַ באַשטעטיקונג אויף טראָטואַרן.

די גאווה צעפליקט מיטן שונא צוגלײַך.
בײַ איינעם צינדט אָן דער מונדיר זיך דער נײַער,
און ברענענדיק לויפט ער — צו ברענגען דעם רײַך
אַ סימן פון ייִדישן ווידערשטאַנד־פײַער. —

מ'האָט אים אונטער דרערד, ווי די פּײַן אָן אַ סוף,
געקליבן אין בונקערס — די אייביקע חצותן;
די חרפּה פאַר גיין ווי די לעמער און שאָף
צום טויט, ווערט עדות פון דורות צעשאָסן.

עס טראָגט זיך פון געטאָ אַ זאַלפּ נאָך אַ זאַלפּ
פאַר די שוין, וואָס זענען אין חלל פאַרלוירן,
פאַר די, אין יסורים פאַרשטאָרבן אויף האַלב,
און די, וואָס זיי וועלן ווערן געבוירן...

ווי שפּאַרזאַם דער ביסן אין מויל ווערט געשטרעקט,
מען לייגט אין די ביקסן די קוילן די קאַרגע,
צום געטאָ דערשייִנען די לוחות פאַרמעקט,
מיט איינציקן וואָרט אַ פאַרקירצטן: „דערהרגע"!

אין פינצטערע היילן פאַרקוועטשט אין דער שטיל
מען הערט ווי אַ ליכטיקע בשורה די זאַלפּן,
מען הערט זיי אין געסלעך פון גראָען בעלוויל
און הינטער פאַרטײַעטן קוסט אין די אַלפּן,

און הינטער דעם שוועל פונעם „פּלעצל" — די סען,
און טיף אין די וועלדער אַרום דער ווילִיע,
פון זייער געהייליקטן ליכטיקן בלענד
בײַם גוסס אין אויסשוויץ שײַנט אויף נאָך די ראיה

ווי ער וואָלט נאָך צום לעצט, אויף דער וואָר,
פון ערגעץ גאָר ווײַטע גאולה — גערוישן,
ווו קערפּערס נאָך שיסן מיט פלאַמיקע האָר,
אַזוי ווי די שפּיזיקע שטראַלן בײַ משהן.

עס ברענט שוין דאָס העמד און אָט ברענט שוין די הויט!
אַ פלאַמיקע צונג האָט אין גוף זיך פאַרזויגן,
דאָך שטייט מען, פאַרקלעמט און באַלאַגערט פון טויט,
ביז וואַנען דאָס פײַער פאַרמאַכט זיי די אויגן.

עס ברעכן געלענקען פון הײַזער זיך אויס,
אַ פלאַם מיט אַ פלאַם איבער זיי מאַכט יד־אחת,
נאָר פײַער נאָך גייט פונעם פײַער אַרויס, —
די וויסטע טריומפן פון סטראָפן להכעיס.

ער שטייט פון דער ווײַטנס, פאַרהויבן דאָרט — סטראָפּ,
מיט רויטקייט פון שרפה איז פול זײַן לאָרנעטע,
ער וואַרט, פון דער הייך קוקט אַראָפּ ווי אַ ראָב —
זײַן קרבן זאָל אויסגיין — ס'דערוואָרגענע געטאָ.

דערוואָרגן ? נאָר ווער זשע דאָרט רירט זיך? ווער וואַגט ?
געמיינט האָט ער, קיינער די שטילקייט שוין וועקט נישט —
זײַן טאַנקען־שנור ווערט דאָרט אויף שטיקער צעהאַקט
און פויזעט נישט מער ווי אַ גיפטיקער עקדיש.

אַן אַנדער רויטקייט אין גלאָז גיט אַ בלענד:
די פאָן פונעם געטאָ האָט אימעץ פאַרהויבן,
מען טראָגט זי אַרויס פון צעפאַלענע ווענט,
פאַרוויקלט אין פלאַם, אין בטחון און גלויבן.

ס׳פאַרהייבט זיך דער גיבור דער לעצטער מיט איר
אַריבער דעם אומקום און חרובע דעכער,
ער הייפּערט די זײַלן פון בראַנדיקן גיר,
צו טראָגן דעם כבוד פון געטאָ אַלץ העכער.

אַ שוימיקער ים אונטער אים איז דער רויך
און ס׳געטאָ צעשמעטערט — אַ שיף, וואָס גייט אונטער;
און ער, ווי דער שיפס־קאַפּיטאַן אין דער הייך,
ער קוקט מיט גבורה צום שווידער אַרונטער.

אַליין אויף אַ ברענענדיק ברעט קעגן שטראָם —
ווער האָט דאָס דערהויבן אים, ער זאָל נישט פאַלן? —
דאָס האַלטן אים אונטער די טויטע פון תהום,
די הענט פון פאַרזינקענע אונטער קאַנאַלן.

ער שטײַגט מיט פאַרשרפּעטע האָר אויפן ווינט,
זיך אָפּגעטאָן האָבן פון אים אַלע מוראס,
אַזוי ווי אַ מאַמע האַלט אונטער אַ קינד,
עס האַלט אים דאָרט אונטער אַ חלום פון דורות.

מיט חורבות איז ער ווי אויף שטיגן אַרויף,
עס האָבן אים אונטערגעשפּאַרט אַלע קברים,
די וואָלגע געאײַלט האָט צו אים אין איר לויף,
צום אויפשטײַג זײַן העכסטן — דערלאַנגען איר אָרעם.

ער איז נישט אַוועק מיטן רויך, מיטן גרויל,
ווי אַלע איר הייליקע אויפשטאַנד־געזיכטער,
נאָר דונערט פון אײַערע פינגער די קויל,
פאַרקריצט ווי אַ פען אינעם בלאַט פון געשיכטע.

עס האָבן די פלאַמען פון אײַערע האָר
אין שײַן זיך פאַרוואַנדלט, אין ליכטיקע קרוינען,
ס׳וועט קומען זיך שפּיגלען אין זיי יעדער דור,
די אייביקייט וועט זייער גינגאָלד פאַרשוינען.



# דאס פאלק זינגט און זאגט

(פאָלקסלידער און ווערטלעך)

אַרויסגענומען פון די פאָלקלאָר־זאַמלונגען פון שמואל לעהמאַן און נח פרילוצקי און פון בוך „מגילת פוילן" פון לעאָ פינקלשטיין.

## גאָט פון אַברהם, פון יצחק, פון יעקב

גאָט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב,
באַהיט דאַן ליב פאָלק ישראל אין דאַנים לויב,
דער ליבאָ אַרציקאָ שבת גייט אַוועק, —
אַז די ליבע וואָך זאָל אינדז קימען —
צו געזינט און צים לעבן, און צו פרנסה,
און צו שלום, צו גיטע בשורות־טובות,
צו אַלעם גיטן גיווין,
אמן, ואמן.

גאָט איז איבאָ אינדז אַלע,
צי דיאָ טיען מיאָר האָפן,
זאָסט אינדזאָרע תפילות דאַהערן,
זאָסט אינדז פיל ניט באַשערן,

זאָסט אינדז באַשערן,
מיאָר זאָלן זאָך קענען ערנערן,
פין דאַן כשרה מילדע האַנט,
אמן, ואמן, מלך המשיח בן דוויד!

נעמט השם יתברך דעים גילדענעם באַכאָ אין זאַן ראַכטאָ האַנט
אין עיאָר מאַכט די ברכה איבאָרן גאַנצן לאַנד, —
זאָגן כל ישראל: אָמיין, ואָמיין!
דעיאָר אָמיין זאָל אינדז, ליבאָ גאָט, וויל אָסגיין,
אָמיין, אָמיין — זאָל אינדז ווערן וואָער,
אַז די געילע זאָל קימען דאָס האַנטיקע יאָער,
אמן, ואמן, מלך המשיח בן דוויד!

אויפגענומען ביי פייגע ציפקאָוויטש, וואַרשע

## אַ געבעט צו גאָט פאַרן שלאָפן גיין

אני לי, —
מאַן נשמה נעם צי,
נאָ דיאָ גיטראָ יאַך זי,
ביז אינדאַפרי.

אויפגענומען ביי רייזל־גיטל שעפס, וואַרשע

וואָס אָט מע צי זאָרגן,
וואָס וועט זאַן מאָרגן,
ליבערש לאָמאָ טראַכטן,
וואָס ס'איז געווען נאַכטן,
אפשר וועט מע קענען,
עפעס פאַראַכטן. (פאַרריכטן)

אויפגענומען ביי י. ראָזנפעלד

## פורים־ליד

גיט מאָרגן, מאַן וואַב! — מאַן מאַאַן, גיט יאָער!
זאָסט מיאָר ניש דאַלעבן ביז איבעראַיאָער!
— פאַרוואָס?
— די האָמן־טאַשן זענען דאָך פאַברענט!
די קרעפלאָך האָב יאַך שוין גאָרניש דאַקענט!
פאַרשטערט איז מיאָ געוואָרן די גערילע,
אַלץ צוליב די מגילה!

# גאָט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב

גאָט פון אַוורהאָם, פון איצכאָק, פון יאַנקעוו,
באַהיט דאַן ליב פאָלק ייִסראָעל אין דאַנעם לויב!
דעיאָ ליבאָ חײַליקאָ שאַבעסקוידעש גײַט אַוועק, —
די ליבע וואָך זאָל צי אינדז קימען, צים געזינט,
אין צי אַ געזינט לעבן, אין צי פאַרנוסעם טוווועס, שולוים,
צי אַלעם גיטן געווין, — אָמײַן סעלאָ.

צי דיאָ טיִען מיאָ האָפן,
אין דיאָ טיִען מאָ זאָך פאַרזאַכערן,
צי דיאָ איז גיט צי האָפן,
דום טויאָ פין אינדזאָ גיבעיט זאָל אַלעמאָל זאַן אָפן

מ'נעמט דעים באַכאָ אין דעיאָר ראַכטע האַנט,
אין מע מאַכט אַ בראָכע איבאָרן גאַנצן לאַנד,
נאָך אַזוי הויאָך אין נאָך אַזוי שיין,
מאָשיך בען דאָווידס קינדאָלאָך זאָגן נועד, אָמײַן!
אָמײַן, אָמײַן, ס'זאָל זײַן וואָער,
מאָשיך בען דאָוויד זאָל קימען האַנטיקס יאָער.

אויפגענומען בײַביילע ראָזענטאַל, ווארשע

# ווי אַ פּויליש יִנגל דערקלערט זיך אין ליבע צו אַ יִדיש מיידל

— זשידוּוּעטשקאַ, כאָטש נאַ בעז!
— יאַ ניע פוידען, באָ שאַבעס.





און ווען ער שטייט צו איר שטארק צו, ענטפערט זי אים אָפּ:

— ווטשאָרײַ מניע מאַטקאַ בילאַ
— זשעבים ס'שײַגעצעם ניע כאָדזשילאַ.

# שלח־מנות ליד

אַ גיטן פירעם, מלאך!
ווי כ'גײַ פאַלעך!
די באָערד אי מאָ לאַנג,
ס'וואַב אי מאָ קראַנק.

נעמט דער טאַטע אַ פאַיאָ־טאָפ
אין מאַכט די מאַמע אַ לאָך אין קאָפּ!
זאָגן די קינדאָלאָך: אוי־אוי־אוי
זאָגט דער טאַטע: גיט־אַזוי.

אויפגענומען בײַ מרים כמיעלניצקי, ווארשע

אין אַ פאָלקסליד ווערט דערציילט ווי עס ווערט אויפגערופן צום ספר אַ ייִד וואָס האָט נישט געקענט מאכן די ברכה.

— יעמוד רב יהודה!
— יאַ ניע פוידען.
— דלאַטשעגאָ ניע פוידזשעש?
— באָ יאַ ברוכע ניע אומיעם.
— דלאַטשעגאָ ניע אומיעש ברוכע?
— באָ אויטשעך מניע ניע אוטשיל.
— דלאַטשעגאָ טשען אויטשעך ניע אוטשיל?
— באָ סאַם קרענק אי ווייטיק אומיאַל.

# פאָלקסליד צווישן אַ פאַרליבט יִדיש־פּויליש פּאָרל





פאַננאַ מאַריאַנאַ, וואָס האָבן זי געמאַכט?
יאַ ניע ספאַלאַם אַ גאַנצע נאַכט.
ליודזשע פאָוויעדזשעלי, אַז דו ליבסט מיך נישט,
טשי טאָ פראַוודאַ, ווייס איך נישט.

# שושנת יעקב

(פאָלקסליד)



1. שיינע רויזן שמעקן ווינדער,
דאָס מיינט מען יאַנקעווס קינדער,
זיי זיינען געשטאַנען, זיי האָבן געזעען:
אַז אונז איז ניסים געשעען.

2. פיענקני רוזשאַ־יאַקובאַ דזשעטשי,
איך זאַפּאַך דאַלעקאָ לעטשי,
ווישיסטקי סטאַלי — אי פּאַטשעלי,
יאַק האַמאַנאַ פּאָוויאַשילי.

3. האָמען האָט זיך פאַררופן פאַר אַ ווילן יונג,
און ער האָט געדרייט מיט דער פאַלשער צונג,
פון דעם אַלעם איז גאָרנישט געוואָרן:
מ'האָט אים אָפּגעהאָנגען אַף אַ הויכן דאָרן.

4. האַמאַן שע כוואַליל זאַ מאָנדראַקאַ,
קרענציל יענזיקעם יאַק סאָבאַקאַ,
אַ טאָ ווישיסטקאָ פּאַן בוג פּשעוויניאָל:
סאַם דלאַ שעביע שעמעניצע פּאָסטאַוויל.

5. מאָרדכע האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם זאַק מיט ערד,
און ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט אָפן קעניגלעכן פערד,
האָמען האָט אים באַ די צוים אַרומגעפירט,
זיין וואַב זערעש האָט אים מיט אַ שאָף טראַקטירט.

6. מאָרדקאַ ז'זשוטשיל וואָרעק ספּיאַסקעם,
אי ווישאַד נאַ קאָניאַ קרולעווסקעם,
האַמאַן זאַ לאָקאַיאַ אָבראַני ביל,
סאַם קאָניאַ פּראָוואַדזשיל.
זשאָנאַ יעגאָ נאַ גאַנקו סטאַלאַ,
שאַפּעל ניעטשיסטאָשטשי גאָ סטראַקטאָוואַלאַ,
ז'זמאַרטוויעניע שע זשוטשילאַ,
פּשאַקרעוו — נאַ שמערטש שען זאַבילאַ.

7. געבענשט זאָל זיין אונזער פרומע עסטער,
זי האָט געדינט ווי אַ געטרייע שוועסטער,
אומגעבעטן איז זי צום מיילעך געגאַנגען,
פון האָמענס הענט אונז אַרויסגענומען.

8. פּאָזדראַווליאָנאַ נאַם עסטערקאַ,
אָנאַ בילאַ שטשענשליוואַ פּאַננאַ,
בעז פּאָזוואָלאָנעם פּשעד קרולעם סטאַלאַ,
ז האַמאַנאַ רענצי נאַם וויראַטאָוואַלאַ.

אויפגענומען ביי שלמה דאַווידאָוויטש



# וואַרשעווער קינדער־פאָלקסליד

עלי, מעלי, יאַסטי,
אַ שוואַרצע כלה האַסטי,
רויטע שיכעלעך גייסטי,
אויפן ביימעלע שטייסטי.

וואָס טויג מיר ביימעלעך
ריטאַלעך צו רייַסן,
וואָס טויג די ריטעלעך

קיִעלעך צו שמייַסן,
וואָס טויג די קיִעלעך
מילעכו צו מעלקן,
וואָס טויג די מילעכו
קינדערלעך צו געבן,
וואָס טויג די קינדערלעך
נחת צו דערלעבן.

די ערשטע פיר שורות גענומען פון נח פרילוצקיס זאַמלונג
די אַנדערע האָט איבערגעגעבן אסתר גאָלדשטיין פון אַרגענטינע.

# חד גדיא



1. שיקט דער האַר אַ פּאָאַר אין װאַלד אַראַן, (פּויער)
אַ פּאָאַר אין װאַלד אַראַן, —
ער זאָל די עפּו ראַסן, ער זאָל די עפּו ראַסן. (עפּל)
פּאָאָ װיל ניש עפּו ראַסן,
עפּו װיל ניש פּאַלן, עפּו װיל ניש פּאַלן.

2. שיקט דער האַר אַ קעציע אין װאַלד אַראַן, (קעצל)
אַ קעציע אין װאַלד אַראַן, —
ס'זאָל דעם פּאָאָ דראַפּן, ס'זאָל דעם פּאָאָ דראַפּן.
קעציע װיל ניש פּאָאָ דראַפּן,
פּאָאָ װיל ניש עפּו ראַסן,
עפּו װיל ניש פּאַלן, אין עפּו װיל ניש פּאַלן.

3. שיקט דער האַר אַן אינטיע אין װאַלד אַראַן, (הינטל)
אַן אינטיע אין װאַלד אַראַן,
ס'זאָל דאָס קעציע באַסן, ס'זאָל דאָס קעציע באַסן.
אינטיע װיל ניש קעציע באַסן,
אינטיע װיל ניש קעציע באַסן,
קעציע װיל ניש פּאָאָ דראַפּן — אאַז"װ.

4. שיקט דער האַר אַ שטעקיע אין װאַלד אַראַן, (שטעקל)
אַ שטעקיע אין װאַלד אַראַן,
ס'זאָל דאָס אינטיע שלאָגן, ס'זאָל דאָס אינטיע שלאָגן.
שטעקיע װיל ניש אינטיע שלאָגן,
אינטיע װיל ניש קעציע באַסן — אאַז"װ.

5. שיקט דער האַר אַ פּאַיאַר אין װאַלד אַראַן, (פּײַער)
אַ פּאַיאַר אין װאַלד אַראַן,
ס'זאָל דאָס שטעקיע ברענען, ס'זאָל דאָס שטעקיע ברענען.
פּאַיאָ װיל ניש שטעקיע ברענען,
שטעקיע װיל ניש אינטיע שלאָגן — אאַז"װ.

6. שיקט דער האַר אַ װאַסאַר אין װאַלד אַראַן, (װאַסער)
אַ װאַסאַר אין װאַלד אַראַן,
ס'זאָל דאָס פּאַיאָ לעשן, ס'זאָל דאָס פּאַיאָ לעשן.
װאַסאָ װיל ניש פּאַיאָ לעשן,
פּאַיאָ װיל ניש שטעקיע ברענען — אאַז"װ.

7. שיקט דער האַר אַן אָקס אין װאַלד אַראַן,
אַן אָקס אין װאַלד אַראַן,
ער זאָל דאָס װאַסאָ טרינקען, ער זאָל דאָס װאַסאָ טרינקען.
אָקס װיל ניש װאַסאָ טרינקען,
װאַסאָ װיל ניש פּאַיאָ לעשן — אאַז"װ.

8. שיקט דער האַר אַ שוחט אין װאַלד אַראַן,
אַ שוחט אין װאַלד אַראַן,
ער זאָל דעם אָקס שעכטן, ער זאָל דעם אָקס שעכטן.
שוחט װיל ניש אָקס שעכטן,
אָקס װיל ניש װאַסאָ טרינקען — אאַז"װ.

9. שיקט דער האַר דעם מלאך־המוות אין וואַלד אַראַן,
דעם מלאך־המוות אין וואַלד אַראַן,
ער זאָל דעם שוחט שעכטן, ער זאָל דעם שוחט שעכטן.
מלאך־המוות וויל ניש שוחט שעכטן,
שוחט וויל ניש אָקס שעכטן — אאַז״וו.

10. גייט דער האַר אַליין אין וואַלד אַראַן,
אַליין אין וואַלד אַראַן,
ער זאָל דעם מלאך־המוות שעכטן, ער זאָל דעם מלאך־המוות שעכטן.
מלאך־המוות וויל שוין שוחט שעכטן,
שוחט וויל שוין אָקס שעכטן,
אָקס וויל שוין וואַסאָ טרינקען,
וואַסאָ וויל שוין פאַיאָ לעשן,
פאַיאָ וויל שוין שטעקיע ברענען,
שטעקיע וויל שוין אינטיע שלאָגן,
אינטיע וויל שוין קעציע באַסן,
קעציע וויל שוין פאָאָ דראַפן,
פאָאָ וויל שוין עפּו ראַסן,
עפּו וויל שוין פאַלן, און עפּו וויל שוין פאַלן.

אויפגעגומען ביי מאַרק שווייד, וואַרשע



# אַ יידיש פאָלקסליד וועגן אַ געשמדט מיידל

חנה איז געזעסן
און געשטריקט אַ שאַטקע
אַ בשורה האָט מען איר אָנגעזאָגט,
אַז איר טאָכטער איז אַ שמאַדקע.

ר׳ עליע איז געלאָפן
צום גלח אַהיים,
האָט ער דאָרט געטראָפן
פייגעלע שטיין.

דער פאָטער בעט זיך ביי איר:

כ׳וועל דיר געבן
קליידער און נעדאַן
און דערצו
אַ גאַנץ פיינעם מאַן.

זי ענטפערט:

איך בין דיר מוחל
קליידער און נעדאַן
נאָר דער שייגעץ
מוז זיין מיין מאַן.

ער פרוווט איר שילדערן די טרויעריקע צוקונפט:

ביי מיר ביסטו געגאַנגען
שיך מיט קאַלאָשן
ביים שייגעץ נאָך דער חתונה
וועסטו וועש וואַשן.

ביי מיר ביסטו געגאַנגען
אין אַ זיידן קלייד
ביים שייגעץ וועסטו גיין
אין צרות און לייד.

ביי מיר ביסטו געגאַנגען
אין אַ פוטערנע בויע
ביים שייגעץ וועסטו שרייען
„קאָשטשי קופּויע".

און אז דאָס אַלץ פועלט נישט, פאַרענדיקט ער רעזיגנירט:

ביי מיר ביסטו געגאַנגען
אין אַ זיידענעם ראָק
און אַז דו וועסט פגרן
וועט קלינגען דער גלאָק.

# פאָלקסליד וועגן ערב־פּסח

ווי עס הײַבט זאָך נאָר אָען,
פין ראָש־חודש ניסן אָען,
קריגן באַלד אַלע וואַבעלעך איין מעשיגאָעז,
אין הײַבן באַלד אָען
פין די באָריקים צי שמיסן.

גײַיך אַראָס צי דעם פּאָפּאָ
נעמט אַ באָריקל, אין בראַכט אָף דאָס וויינדאַלע,
אין לעקט צי ס'איז זים, צי ס'איז זאָאָ,
לעקט פין אינטן אין לעקט פין אויוון,
אין זאָגט אַלעהאַנט כעסרוינעס.

אין אַ מינוט אַרים,
זי קיקט זאָך אים,
שטײַען שוין לעבן איר פינעף הינדאָט קונים,
שטײַען זײַ אַזוי לאַנג,
ביז יעדערער מיז זאַן דײַע אָפּזאָגן.

דאַוואַל נעמט דער פּאָפּאָ די באַטש
אין הײַבט אָען אַלע פינאַדאָציאָגן,
הײַבן זיי ערשט אָען די באָריקעס אַהײַמציטראָגן.

אין ווי זי טראָגט זי שוין צי מזל אַהײַם
אין זעצט זאָך שוין אָסקראָביען,
קימט די פרימע צאַרקע
אין וויל זי זאַדלאָביען:
— שלימאַזלניצע, נעמט אַ קלאָרע שטשאַרקע!
— אוי ווײ מיאָ גישעען, וואָס ווילט איאָ פין מיאָ אָבן?

— די שטשאַרקע איז דאָך געניק קלאָער!
— שלימאַזלניצע, לײַג אַוועק די באָרקע
— די פאַרזינדיקסט דאָך דאַנע יינגע יאָער!
אָט זי שוין מיט מזל די באָריקעס אײַנגעסקראָבעט
אין איינגעלײַגט.

גײַט זי אַראָס
טראָגט אײַנער אַ גאָנשער
אין איינער אַ פּאָס
אין אײַנער אין אַנדערן ווינטשן זאָך:
— דאַלעבן איבאָ אַ יאָער
— האָט איאָ דאָ ניש גיזעהען דעם פּאָפּאָ מיט די אײַאָ
וואָס פאַקויפט צי גילן אַ שאָק?
— אוי, עפשער דער פּאָפּאָ אין די צירוסענע גאַטקעס
— אוי, אָב עם אַכציק שוואַרץ יאָער!
כ'וועל בעסאָ גײַן פּאַ די טרײַפענע יאַטקעס
וועל יאַך מאָך דאָך קלאָבן שײַן אין קלאָער.

דאַוואַל גײַיך זי צים גיפעים
אין אַ גרויס גיראַס אין אַ גרויס גישלאָק
שטיפן זאָך אײַנער אין אַנדערן אָפּ די נעיז.
קימען זי אַהײַם טרעפט זי די מאָאָט קעמען,
פּאַ גרויסע צאָרעס אין גרויסע לײַד
וויל זי די מאָאָט די אויגן אַראָסנעמען
— באַלעבאָסטע, נאַט אַאַך!
— קווישעט ניש, אין נאַט אַאַך.
— נאַ, גרייט צים טיש, אין מאַך אין סדר ציראַכט.

אויפגענומען בײַ חיה שעפּס, וואַרשע

# ליד פון טויט

אַפּן בראָדאָוואָ דעכו (בראָדער דעכל)
שטײַט אַ שטיבאַלי רעכו (רעכל)
— ווער ווינט דערינען?
— דראַ פּאַנעלעך זיצן און שפּינען:
אײַנס שפּינט גאָלד,
דאָס אַנדערע שפּינט זילבאָ, (זילבער)
אין סדריטע זיצט אַף אַ שטילעכו (אַ שטילעכל)
אין מאָעלט זאָך קאַווי אין מילעכו (מאָלט קאַווע אין מילעכל)
וועקסן לאַכטו אָן די זאַט! (וואַקסן ליכטל ביי דער זייט)
שטאַרבן מיז מע פּאַ די צאַט! (מוז מען פאַר דער צייט)
ווע מע ריפט — מיז מי גײַן, (ווען מען רופט מוז מען גיין)
טינים מיט גאָלד לאָאָט מי שטײַן. (טאָנען מיט גאָלד לאָזט מען שטיין)

אויפגענומען בײַ חיה שעפּס, וואַרשע

# האַנדל, האַנדל

פון אברהם רייזן



אויסגעטאָן פון זיך די שאַנד,
מיטן זעקל אין דער האַנט,
גיי איך אום פון הויף צו הויף,
הייב די אויגן העכער אויף.
אַך, ווי טרויעריק ער זינגט,
אויף דעם גאַנצן הויף עס קלינגט,
האַנדל, האַנדל!

ווער זענט איר, ליבער ייִד?
וואָס דערציילט מיר אייַער ליד?
איך וווין דאָרט אויף דער סמאָטשע־גאַס,
אין אַ קעלער פייַכט און נאַס.

זומער קומט דאָרט נישט אַרייַן
פון דער ליבער זון קיין שייַן,
ווינטער בלאָזט דאָרט אַ ווינט;
איך גיי מייַן גאַנצן לעבן אום,
האַנדל, האַנדל!

אוי, איך האָב נאָך ווערטער פיל,
נאָר איך טראָג זיי אין דער שטיל,
און ווען איך קום אַהיים ביי נאַכט,
אַ מידער און פאַרשמאַכט,
שעלט איך, שעלט איך...
האַנדל, האַנדל!



# פאַרשאָלטן זאָל זייַן דער טאָג פון מייַן געבוירן...

(ליבעליד)



פאַרשאָלטן זאָל זייַן דער טאָג פון מייַן געבוירן,
פאַרשאָלטן זאָל איך ווערן אַצינד,
גלייַכער וואָלט מייַן מוטער מיך נישט געבוירן, ביס
ווען איך בין געווען אַ קליינעס קינד.

ווען איך בין נאָך אַ קליין מיידל געוועזן,
פון קיין ליבע פירן האָב איך נישט געוווסט,
אַז איך בין נאָר אַ ביסל עלטער געוואָרן ביס
אַ ליבע פירן האָט זיך מיר פאַרגלוסט.

דרייַ יאָר פיר איך שוין אַ ליבע
און נעמען, דושקאָ, קענען מיר זיך ביידע נישט!

אין אונדזער האַרצן ברענט אַ העליש פייַער ביס
און פאַרלעשן קען דאָס קיינער נישט!

וואָס אַ טאָג ברענט דאָס פייַער גרעסער,
ווען איך זע דיך מיט אַ צווייטער גיין.
אוי, שטעכן וועל איך זיך מיט אַ מעסער, ביס
אַז מייַנע אויגן זאָלן דאָס מייַן נישט זען!

אוי, שטעך דיך נישט, דושקאָ, מיט קיין מעסער!
אוי, וויש דיר אוים דייַנע אייגעלעך אויף קלאָר.
דו וועסט נאָך מיט מזל אַ כלה ווערן, ביס
גאָט וועט דיר צושיקן דייַן פּאָר!

אויפגענומען ביי מ. זאַקס, וואַרשע 1921

# איך וואָלט דיך גענומען...

(ליבעליד)

איך וואָלט דיך גענומען, גענומען,
אין דעם איינעם קליידל,
נאָר כ'האָב מורא פאַר מײַן מאַמעליו, ביס
דו ביסט אַ פּאָדלע מיידל!

נישט אַזוי ווײַט פּאָדלע, פּאָדלע,
פּאָדלע ווי געמיין!
אוי, וואָסזשע קומט מיר דערפון אַרויס, ביס
אַז דו ביסט אַפילו שיין?

שיין ביסטו ליובטשו, ליובטשו!
שיין ווי די גאַנצע וועלט,
נאָר וואָסזשע קומט מיר דערפון אַרויס, ביס
אַז דו האָסט אַפילו געלט?

אוי, געלט איז דאָך קײַלעכדיק, קײַלעכדיק!
עס קאָלערט זיך אַליין אַוועק.
אוי, כ'על מיך הענגען, כ'על מיך טרענקען, ביס
שענק מיר דײַן פּאָרטרעט!

מײַן פּאָרטרעט האָב איך אַוועקגעשיקט, אַוועקגעשיקט,
פאַר דרײַ טויזנט מײַל
כ'האָב געמיינט די ליבע אויף שטענדיק, ביס
צום סוף איז זי געווען אויף דערווײַל!

אין דרויסן איז אַ נעפּל, אַ נעפּל,
אין שטיבעלע איז פּאַרנע,
כ'האָב אָפּגעלעבט מײַנע יאָרן ביס
אין צרות און מאַרנע!

אין דרויסן איז אַ רעגן, אַ רעגן,
און שטיבעלע איז נאַס,
אוי, היינטיקע יינגעלעך איז אַזוי צו גלויבן, ביס
אַזוי ווי אַ הונט אויף דער גאַס!

אויפגענומען בײַ מ. זאַקס, וואַרשע 1921





# אוי, שפּאַצירן זענען מיר ביידע געגאַנגען...

(ליבעליד)

די קויל, די פײַערדיקע קויל,
זי זאָל קיין שום מענטשן נישט טרעפן!
אָנפאַנג ליבע איז דאָך זייער גוט, ביס
אוי, די ענדע איז דאָך טרויעריק און ביטער!

אוי, שפּאַצירן זענען מיר ביידע געגאַנגען,
די קראָכמאַלנע גאַס איז געווען צו שמאָל!
אוי, אַ ווייסטן סוף זאָל דײַן מאַמעליו האָבן, ביס
אוי, אַרײַן זאָל זי אין משוגענעם שפּיטאָל!

שעלט נישט, אוי, שעלט נישט מײַן מאַמעליו!
קוים שעלטסטו מײַן מוטער מוזט דאָך מיך פאַרדריסן;
נײַן מאָנאַטן האָט מײַן מוטער מיך געטראָגן ביס
אוי, און וויפל בלוט האָט זי געטאָן אויף מיר פאַרגיסן!

אוי, שפּאַצירן זענען מיר ביידע געגאַנגען,
די גזשיבאָווסקע־גאַס איז געווען צו ברייט!
אוי, אַ ווייסטן סוף זאָלן דײַנע חברטאָרינס האָבן, ביס
אוי, וואָס האָבן דאָך אונדז ביידע צעשיידט!

צעשיידט, אוי, צעשיידט האָבן זיי אונדז ביידע,
אוי, אַזוי ווי אַ גוף מיט איין נשמה!
קעגנאיבער שטייען דײַנע חברטאָרינס, ביס
אוי, דערלעבן ווילן זיי אין דיר אַ נקמה!

אויפגענומען בײַ מ. זאַקס, וואַרשע 1921

# פאָלקסליד וועגן אַטענטאַט

ברוך שולמאַן

ווי עס איז געקומען דער ערשטער רוסישער מײַ,
האָט מען דערהערט אין גאַס אַ קלאַפּ,
דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געטון פרייען,
אַז קאָנסטאַנטינאָוו האָט געקריגן אַ כאַפּ.

ברוך שולמאַן איז אין גאַס געגאַנגען,
געגאַנגען איז ער צום טויט,
געזעגנט האָט ער זיך מיט זײַנע חברים,
מיט דער באָמבע אין דער האַנט.

ברוך שולמאַן איז אין גאַס געגאַנגען,
באַגעגנט האָט ער דעם טיראַן,
מיט דער באָמבע האָט ער אים צעריסן,
קאָנסטאַנטינאָוון, דעם טיראַן.

ברוך שולמאַן איז אויפן טראַמוויי אַראָף,
האָט דוויד אַפּט געגעבן אַ געשריי:
ברוך! ברוך, ווי לאָזסטו מיך איבער
צווישן די טיראַנען איינער אַליין?

ברוך שולמאַן איז פון טראַמוויי אַראָפּ,
געגאַנגען ראַטעווען זיין חבר אַפּט,
אַרויסגענומען האָט ער דעם רעוואָלווער,
און האָט געהרגעט דרײַ סאָלדאַטן.

נאָך אַ קבר, נאָך אַ קרבן,
נאָך אַ לעבן איז צעשטערט אין דער וועלט,
נאָך אַ קעמפער איז אָפּגעשטאָרבן,
ברוך שולמאַן, דער באַוווּסטער העלד.

וויינט נישט שוועסטער, וויינט נישט ברידער,
טרויערט נישט מוטער נאָך אײַער קינד,
אַז עס פאַלט, פאַלט דער בעסטער,
דער וואָס האָט נאָר טרײַ געדינט.

דיינע חברים, זיי שטייען בײַ דיין קבר,
זיי גיסן טרערן יעדע מינוט,
ראַכע וועלן מיר פון די טיראַנען נעמען,
פאַר אונדזער חברס פאַרגאָסן בלוט.

שיינע בלומען טוען בליִען
בײַ ברוכס קבר אויף דער וועלט,
דאָס גאַנצע פאָלק וועט קומען קניִען
פאַר ברוך שולמאַן, דעם באַוווּסטן העלד.

אויפגענומען בײַ אסתר ליבערט, וואַרשע




---

ברוך שולמאַן האָט אין וואַרשע אין יאָר 1906, דעם ערשטן מײַ 8 אַ זייגער אין אָוונט, בײַם עק פון די גאַסן מאַרשאַלקאָווסקע און שוויענטאָקשיסקע געוואָרפן אַ באָמבע אויפן געהילפס־קאָמיסאַר פון 8טן פּאָליציי־צירקל קאָנסטאַנטינאָוו און אים דערהרגעט אויפן אָרט. קאָנסטאַנטינאָוו איז אין די וואַרשעווער ייִדישע און פּוילישע אַרבעטער־קרייזן געווען פאַרהאַסט פאַר זײַנע רשעותדיקע מעשים קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג און דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ.

ברוך שולמאַן איז געווען אַ מיטגליד פון דער „רעוואָלוציאָנערער פראַקציע" פון פּפּ"ס. צו מאָרגנס נאָכן אַטענטאַט האָט דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון פּפּ"ס אַרויסגעלאָזט אַ קאָמוניקאַט, אַז דער אַטענטאַט איז אויסגעפירט געוואָרן דורך איר וואַרשעווער „באָיווקע".

ברוך שולמאַנס לעבן איז רײַך אין העלדנטאַטן. וועגן דוויד אַפּט — אַ חבר פון ברוך שולמאַן — ווערט דערציילט: ווען שולמאַן איז געשטאַנען און געוואַרט אויף קאָנסטאַנטינאָוון, האָט ער באַגעגנט אַפּטן און אים געבעטן צוצוּוואַרטן. דערווײַל איז אָנגעקומען קאָנסטאַנטינאָוו און שולמאַן האָט אויף אים אַ וואָרף געטאָן די באָמבע און איז נאָך דעם באַלד אַרויף אויף אַ טראַמוויי. אַפּט איז געבליבן ווײַטער שטיין. אַפּט איז צו גלײַך מיט שולמאַנען אומגעקומען און ער ליגט באַגראָבן לעבן שולמאַנס קבר.

# אוי, הערט אויס מענטשן

אוי, הערטס אויס מענטשן,
וואָס האָט זיך אין וואַרשע פאַרלאָפן:
ביי בערקע אין פאַבריק
האָט זיך אַן אומגליק געטראָפן.

דאָס אומגליק איז געווען
מיט אַ גרויס גערודער,
ס'האָבן זיך געבונטעוועט
אַרבעטאָרערס, ברידער.

קלאַפערס און פוצערס,
זיי האָבן געמאַכט איין האַנט,
זיי האָבן גענומען קוויטלעך,
געקלעבט אויף דער וואַנט .

צוויי קאָפּיקעס די פאָר,
זשעלאַיען מיר אַ נאַבאַווקע.
באַלד איר וועט נישט געבן,
מאַכן מיר אַ סטאַטשקע. (סטרייק)

צוויי קאָפּיקעס די פאָר,
זשעלאַיעט דער נאַראָד:

באַלד איר וועט נישט געבן,
מאַכן מיר אַ באָיקאָט.

צוויי קאָפּיקעס די פאָר,
וועט איר ביי מיר נישט אויספירן,
כ'רוף אַריין פאָליציי,
וועט מען אייך אַרעסטירן.

„איר, בערקע ברענער,
מיר האָבן פאַר אייך קיין מורא,
ביי אונדז: פאָליציי
איז אַ קליינע מרה־שחורה.

הערטס נאָר אויס, מענטשן,
וואָס האָט זיך אין וואַרשע פאַרלאָפן
ביי בערקע אין פאַבריק,
האָט זיך אַן אומגליק געטראָפן.

דאָס אומגליק איז געווען
מיט אַ גרויס געשריי:
— זאַביערייטשע בונטאָווטשיקי,
טאָלקאָ פאָסקאָרעי!" .



# פאָרווערטס, ברידער

פאָרווערטס, ברידער, אין די רייען,
שנעל, די פאָן איז שוין גרייט,
קומט זיך דרייסטער צו באַפרייַען,
אין דעם קאַמף פון לעבן און טויט.

אַלע, צו די באַריקאַדן,
ברידער, מיט געווער אַרויס!

נישט געשטאַנען, קאַמעראַדן,
דער זיג איז זייער גרויס.

פרויען, העלדן, נישט געשטאַנען,
אַלע קומט אַהער מיט מוט,
קעמפט צוזאַמען מיט די מאַנען,
ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט.

אַלע, צו די באַריקאַדן אאַז״וו.

רייַסט שטיינער פון די גאַסן,
באַריקאַדן בויט אויס,
ברידער, קאַמעראַדן,
שנעלער, מיט געווער אַרויס.

אַלע, צו די באַריקאַדן אאַז״וו.

אויפגענומען ביי טאָבטשע טורין, וואַרשע




# שלאָף מייַן קינד

אַרבעטער־פאָלקסליד.

שלאָף מייַן קינד, שלאָף כסדר,
זינגען וועל איך דיר אַ ליד,
אַז דו, מייַן קינד, וועסט עלטער ווערן,
וועסטו וויסן דעם אונטערשיד.

אַז דו, מייַן קינד, וועסט עלטער ווערן,
און דו וועסט זייַן מיט לייַטן גלייַך,
דעמאָלט וועסטו געוויר ווערן
וואָס הייסט אָרעם, און וואָס הייסט רייַך.

די טייַערע פּאַלאַצן מיט די טייַערע הייַזער,
דאָס מאַכט אַלץ דער אַרבעטסמאַן,
און ווייסטו ווער עס טוט אין זיי וווינען?
נאָר נישט ער, נאָר דער רייַכער מאַן.

דער אַרבעטסמאַן, ער וווינט אין קעלער,
דער ווילגאָטש גיסט זיך פון די ווענט,
דערפון דערהאַלט ער רימאַטן־פעלער,
אויף זייַנע פיס און אויף זייַנע הענט.

אויף דעם וואַסער בין איך געפאָרן,
כ׳האָב געוואָלט זען ווי די וועלט איז שיין,
אָבער דו, מייַן קינד, שלאָף כסדר,
דאָס אַלץ צו וויסן ביסטו נאָך קליין.

אויפגענומען ביי ריווע שוואַרצפוקס, וואַרשע



# שנעל דרייען זיך די רעדער

(אַרבעטער פאָלקסליד)

שנעל דרייען זיך די רעדער, עס קלאַפּן די מאַשינען,
אין די פאַבריק פון די באָניפראַטן־גאַס,
דער קאָפּ ווערט פאַרטומלט, די אויגן ווערן פינצטער, (ביס)
פינצטער פון אַרבעט און שוויים.

— הער שוין אויף דו אַרבעטאָרער, טרערן צו פאַרגיסן,
דו מאַכסט דאָך אויף די אַרבעט אַ פלעק,
באַלד וועט אַרייַנקומען דער מייַסטער, דער מערדער, (ביס)
טרייַבט ער דיך פון דער אַרבעט אַוועק.

— פאַר וואָס זאָל איך נישט וויינען, פאַר וואָס זאָל איך נישט קלאָגן,
קוקטס אים נאָר אָן, ווי דיק און ווי רויט,
ער זויפט זיך דאָס ביר, ער רייכערט די ציגאַרן, (ביס)
ער ווייסט נישט פון קיין הונגער און קיין נויט.

דאָ קומט אַרייַן דער מייַסטער, אַזוי ווי אַ ווילדע חיה,
און יאָגט צו דער שחיטה די שאָף,
— ווי לאַנג וועט איר דערווייַטערן, איר אַרבעטער, אייַערע ברידער? (ביס)
שטייט אויף און מאַכט פון דעם מייַסטער אַ סוף.



# ברידער און שוועסטער

(פאָלקסליד פון 5טן יאָר)

ברידער און שוועסטער,
לאָמען גיין אויף כוח,
לאָמען צישפּאַלטן,
דעם חזיר דעם מוח.

העי, העי, דאַלאָי פּאָליציי,
דאַלאָי סאַמאָדערזשעץ וו׳ראָסיי!

ברידער און שוועסטער,
לאָמען עסן אַרבעס,
לאָמען צישיסן,
די רוסישע קאַזאַרמעס.

העי, העי,... אאז״וו.

ברידער און שוועסטער,
לאָמען עסן אַרבוז,
לאָז ניקאָלײַקעז,
פאַרפוילט ווערן די נאָז.

העי, העי,... אַאז״וו.

דראַגונער, קאַצאַפּן,
אַראָפּ פון די פערד,
דער רוסישער קייזער,
ליגט אין דר׳ערד.

העי, העי,... אאז״וו.

אויפגענומען בײַ משה סופיט, וואַרשע




# זומער פאַר נאַכט

(אַרבעטער פאָלקסליד)

זומער פאַר נאַכט,
כ׳האָב די אַרבעט געמאַכט,
הייסט מײַן מײַסטראָווע,
זיצן אַ גאַנצע נאַכט.

פאָלג איך איר,
און זיץ אַ גאַנצע נאַכט,
ס׳קומט אין דער פרי,
בין איך זייער אָפּגעשוואַכט.

כ׳קום אַהיים, פרעגט מיך מײַן מוטער
וואָס איך זע אויס אַזוי שלאַכט,
ענטפער איך איר:
„כ׳בין אויפגעוועזן אַ גאַנצע נאַכט".

שפּעט מוז איך מיך לייגן,
פרי מוז איך אויפשטיין,
מיט מײַנע קראַנקע אברים,
מוז איך צו דער אַרבעט גיין.

קום איך צו דער אַרבעט,
זאָגט די מײַסטראָווע: „צו שפּעט".
ענטפער איך אַ תירוץ,
"כ׳האָב אַ ווײַטן וועג".

איך ברויך נישט דײַן תירוץ,
אַז דו האָסט אַ ווײַטן וועג,
כ׳וועל דיר אָפּשלאָגן,
פאַר האַלבע טעג.

אויפגענומען בײַביילע ווײַסבראָד, וואַרשע



# אוי, איד, נעבעך, זינדיקער בעקער

אוי, איך, נעבעך, זינדיקער בעקער,
מײַן לעבן בײַ מיר איז גאָרנישט טײַער,
ווײַל מן הערב ועד בוקר,
ברען איך מיך בײַ דעם פײַער.

מײַן פאָטער האָט מיך געטון
צו אַ בעל־מלאכה געבן, צו אַ בעל־מלאכה געבן,
ער האָט מיך, נעבעך, געשאָכטן
אויף מײַן גאַנץ לעבן.

אוי, איך, נעבעך, אַאַז״וו.

אַ גאַנצע נאַכט טו איך מיך, נעבעך,
ברענען, בראָטן, ברענען, בראָטן,
און דער פרי קומט אַראָפּ די בעקערין,
שרײַט זי: „די זעמל מיטן ברויט זענען נישט געראָטן!״

אוי, איך, נעבעך, אַאַז״וו.

בײַ יעטװעדערן שפּילט זיך אַ מוזיק,
מיט מוזיקאַנטן, מיט מוזיקאַנטן,
בײַ מיר אויפן פּיעקעליק
איז דאָ פיל גרילן מיט וואַנצן.

אויפגענומען בײַ ירמיהו גרינבלאַט, וואַרשע




# איר נאַרישע ציוניסטן

איר נאַרישע ציוניסטן,
מיט אייער קעצענעם מוחל,
קומט אַרויס צו דעם אַרבעטסמאַן,
און לערנט אײַך בײַ אים שכל.

איר נאַרישע ציוניסטן,
אויף אַלע בעלער טוט איר לויפן,
דער טערק האָט אײַך אָנגעפײַפט,
קיין ערד וויל ער אײַך נישט פאַרקויפן.

איר נאַרישע ציוניסטן,
טעריטאָריעס ווילט איר טאַקע,
דאָ ווו דער אַרבעטסמאַן גיט אַ טראַכט,
ווייסט דער ציוניסט אַ מכה.

איר נאַרישע ציוניסטן
מיט דעם מגן־דוויד,
איר קומט אַרויס אויף דער דזשיקע־גאַס,
ווילט איר מ׳זאָל אײַך אָפּגעבן כבוד.

— איר קלוגע בונדיסטן,
אויף אַלע בירזשעס טוט איר לויפן,
ווען ס׳באַווײַזט זיך נאָר אַ קאָזאַקל,
הייבט איר באַלד אָן צו אַנטלויפן.

אויפגענומען בײַ משה סופיט, וואַרשע



# וויערא

(פאָלקסליד פון קאַמפּס־קרבנות)

עס שרײַען ,עס רױשן פיל טױזנטער שטימען
פון מענטשלעכע הערצער אַרױס, (ביס)
זיפצן און קרעכצן טוט מען דאָרט הערן,
דאָס מישט זיך אַלץ צוזאַמען אױס. (ביס)

דאָרט ליגט זיך אַ מײדל פאַרװוּנדעט,
דער לעצטער אָטעם גײט איר אױס, (ביס)
ראַכע, ברידער, נעמט אײך צוזאַמען,
רױמט שױן די טיראַנען אױס. (ביס)

דו ביסט געפאַלן, טײַערע װיעראַ,
אין קאַמף װי אַ העלד, (ביס)
דײַנע װערטער װעלן לעבן
לאַנג, לאַנג נאָך אױף דער װעלט. (ביס)

דײַנע װערטער װעלן לעבן
לאַנג, לאַנג נאָך דײַן טױט, (ביס)
מיט דײַן בלוט װעט מען פאַרבן
אונדזערע פענער אױף רױט. (ביס)

---

דער אמתער נאָמען װיעראַס איז געװען פרומעט גראבאלסקא. זי איז געװען א מיטגליד פון דער װאַרשעװער אָרגאַניזאַציע פון „בונד". זי איז געהרגעט געװאָרן פון א שאָס דעם 20טן מאַרץ 1905 אױפן ראָג דזשיקע און גענשע אין װאַרשע בעת א דעמאָנסטראַציע צום פאַװיאַק, כדי ארױסצובאַקומען דעם טױטן קערפּער פון א חבר װאָס איז געשטאָרבן פון שװינדזוכט. צוזאַמען מיט פרומעטן איז דעמאָלט אױך דערשאָסן געװאָרן דער בונדישער טוער ס. מאָרגאָ־לין, באַקאַנט געװען אונטערן פּסעװדאָנים „סעמיאָן".




# װאָס טוסטו זיך דרײען בײַ מײַן פענצטער

אױ, װאָס טוסטו זיך דרײען בײַ מײַן פענצטער? אױ װײ!
אױ, צי װעל איך דען צו דיר אַרױסגײן?
דו רעדסט מיר אײַן, איך בין בײַ דיר די שענסטע, ביס
אַז קײן שענערע פאַר מיר איז שױן נישטאָ!

דײַנע אױגעלעך, זײ זענען שװאַרץ װי די קערשן, אױ װײ!
דײַנע ליפּעלעך, זײ זענען צוקער־זיס;
דײַנע בעקעלעך, זײ זענען ראָזאַ־פאַרבן, ביס
עס גליסט דאָך מיר זײ צו געבן אַ קיש.

אױ, מאַך נישט דײַנע פאַלשע קאָמפּלימענטן, אױ װײ!
אױ, זאָג שױן נישט אַז איך בין שײן,
פאַרברענט זאָלן אַלע יִנגלעך װערן ביס
און דו זאָלסט אױך זײַן צװישן זײ!

אױ, אַ ליבע קומט דאָך מיט אַ שמײכל, אױ װײ!
דורך אַ ליבע פירן שלאָפט מען נישט קײן נאַכט.
פאַרברענט זאָלן אַלע יִנגלעך װערן, ביס
װאָס זײ האָבן די פאַלשע ליבע אױסגעטראַכט!

אונדזער ליבע איז געשלאָסן געװאָרן, אױ װײ!
אױ, װי גליקלעך איז געװען די מינוט!
און הײַנט גײט אַ קלאַנג אין אַלע גאַסן ביס
אַז כאַנעלע האָט פערעצן אױסגעשיט...

אױפגענומען בײַ מ. זאַקס, װאַרשע 1921

# הער נאָר, איטשע־בער

הער נאָר, איטשע־בער,
קום נאָר דאָ אַהער,
כ׳װעל דיר עפּעס זאָגן,
װעסטו הנאה האָבן.

מ׳האָט שױן אױסגעהרגעט אַלע סטרײַקערס,
מ׳האָט שױן פֿאַר די סטרײַקערס ניש קאַ מורא,
מ׳קען שױן גײן לערנען,
פֿרײַ די תּורה.

ששו ושמחו
בשמחת תּורה
מ׳האָט שױן פֿאַר די סטרײַקערס
ניש קאַ מורא.

אױפֿגענומען בײַ סאָכאַטשעװ, װאַרשע

---

נאָכן דורכפֿאַל פֿון דער רוסישער רעװאָלוציע פֿון 5טן יאָר איז דאָס דאָזיקע חוזק־לידל געזונגען געװאָרן אין די חסידישע שטיבלעך, שמחת־תּורה, װען דער עולם איז שױן געװען היפּש בגילופֿינדיק. אױך די אונטערװעלטניקעס האָבן עס געזונגען.




# גײ אַװעק, דו מערדער...

די לבנה האָט געשײַנט 12 האַלבער נאַכט
פֿאַר מיר און פֿאַר דיר אַלײן;
דו האָסט זיך גאַנץ פֿײַן פֿון מיר אױסגעלאַכט,
דאַן האָב איך אַלעם דערזען.

רעפֿרײן: גײ אַװעק, דו מערדער, גײ שאַרלאַטאַן!
ריר מיך נישט אָן מיט דײַנע הענט!
דו קױלעסט דאָס מײדל גאָר אָן רחמנות,
װאָס טראָגט דיך גאָט אױף דער װעלט?

איך זיץ מיר בײַם פֿענצטער און באַטראַכט מיר דעם װינט,
װי טרױעריק ער קומט צו מיר צו;
אױ, אַלע יינגלעך זענען פֿאַלש װי די הינט,
די מײדלעך סטראַדאַיען דורך זײ!

גײ אַװעק, דו מערדער... און אַזױ װײַטער

צי ביסטו פֿון אײַזן, צי ביסטו פֿון שטײן?
צי ביסטו פֿון דעמבאָװע האָלץ?
ס׳רירט דיך נישט קײן טרערן, ס׳רירט דיך קײן געװײן!
װאָס ביסטו בײַ זיך אַזױ שטאָלץ?

גײ אַװעק, דו מערדער... אאַ״װ.

אױפֿגענומען בײַ מ. זאַקס, װאַרשע 1921

# צוויי וואָכן פאַר ערב־פּסח

(גנבים־לידער)

צוויי וואָכן פאַר ערב־פּסח,
ס'איז געווען מיטוואָך פאַר נאַכט —
דאָ בין איך מיר אין גאַס אַרײַן געגאַנגען,
אויף דעם אומגליק האָב איך מיך נישט געראַכט. (געריכט)

אַ מאַסעמאַטן האָב איך אויסגעקוקט,
דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז איך פעל עס,
צום אומגליק בין איך געלאָפן געשיקט
און האָב אויפגענאַלט די דעלעס. (אויפגעבראָכן די טיר)

מיטן לאָם צו אַ קאַסע בין איך צו,
איך אַרבעט און טו שטיל זינגען,
נאָר אומזיסט איז געווען מײַן מי:
כ'האָב געהערט אַ כאַ און באַרן טויער קלינגען. (אַ געוואַלד)

די יעלה האָט זיך דערנענטערט צו דער שטוב,
יאָלדן זענען בײַ מיר אַ גאַנצן שאָק...
ווײַל די פרײַ איז בײַ אַ נורקע ליב, (גנב)
בין איך אַראָפּ פון פענצטער פון דריטן שטאָק.

ווי כ'בין פון דריטן שמאָק אַראָפּגעשפרונגען,
געפאַלן בין איך אויף אַ שטיין,
איך האָב מיר גאָרנישט געטאָן,
נאָר צעבראָכן אַ פוס ביז צום ביין.

ווי כ'האָב מײַן פוס צעבראָכן,
קיין צײַט האָב איך נישט געהאַט צו רוען,
מ'זאָל מיך גרייפן (אַרעסטירן)
האָב איך אָנגעהויבן אָפּציען. (אַנטלויפן)

אויפגענומען בײַ משה לינדער, וואַרשע 1903




# וואָס גייסטו אַרום

וואָס גייסטו אַרום אַזוי פאַרסמוטשעט,
וואָס גייסטו אַראָפּגעלאָזט די נאָז?
עפשער ווילסטו וויסן ווער ס'איז דײַן משפחה,
קען איך דיר זאָגן ווער און וואָס.

דײַן טאַטע איז אַ סמאַרעוואָזניק, (אַ רעדער־שמירער)
דײַן מאַמע גנבעט פיש אין מאַרק,

דײַן ברודער איז אַ גרויסער יוינע (אַ נאַר)
און דײַן שוועסטער איז אין בוינע. (בוענאָס־אײַרעס)

נאָר איך אַליין בין דאָס פיינע מיידל,
אין מיר ליבט זיך אַ יאַט,
עפשער ווילסטו, מאַמינקע, מיר נישט גלייבן, —
האָב איך שוין חתונה געהאַט.

אויפגענומען בײַ אברהם־יצחק ווײַנריב, וואַרשע



# הערט אויס, מענטשן

הערט אויס, מענטשן, פון מיר אַריע אַ ליד,
וואָס האָט זיך געטוען מיט מיר פּאַסירן.
קליינערהייט האָבן מיינע עלטערן געטון קווּעלן,
אַז איך האָב געטון שפּאַצירן.

חיינט מוז איך אין חדר זיצן, (טורמע)
עלנט און ביטער אַזוי ווי אַ שטיין,
ס'איז נישטאָ מיט קיינעם קיין וואָרט צו רעדן,
נאָר צו דיר, גאָט, אַליין.

ס'איז געקומען מיטוואָך אין אַ אומגליקלעכן טאָג,
כ'האָב מיך אַף קיין שום זאַך נישט געראכט,
מ'האָט מיך פון מיין שטיבעלע אַרויסגעיאָגט,
מיט סוראָוויטשן אַ שנאַפּס געמאַכט.

איך גיי מיר פאַרביי פאַר די רעסטאָראַציע,
אוי, מיין אומגליק איז דאָך גאָר גרויס,
ס'האָבן מיך צוויי בעלפערס דאַזעען,
זיי האָבן געזאָגט, זיי קוקן מיך אויס.

אַזוי ווי כ'בין אין קיטש אריין געקומען, (תפיסה)
מיינע גוטע ברידער האָבן פון מיר נישט געוווּסט,
דריי יאָר דאַרף איך אַ וויראָק אויסזיצן,
און דאָס לעבן ווערט מיר פאַרמיסט.

אומזיסט מיין וויינען, אומזיסט מיין טרויערן,
איך בלייב דאָך עלענט אַזוי ווי אַ שטיין,
דעם וויראָק אויסזיצן וועל איך אין תפיסה,
אין די תפיסה איינער אַליין.

אויפגענומען ביי פסח אַלטגלאָס, ווארשע



# מײַנע אויגן זענען אָפּן

מײַנע אויגן זענען בײַ מיר אָפּן,
פון קוקן אין הימעל אַריין.
ס'האָט מיך אַן אומגליק געטראָפּן,
מ'פירט מיך אין צאַרקל אַריין. (פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט)

אַזוי ווי כ'בין אין צאַרקל אַריין געקומען,
האָט מען מיך געזעצט הינטער די קראַטן,
מ'האָט מיר אַ באַפעל געגעבן,
אַז כ'וועל אויסזאָגן ,וועט מיר גאָר נישט שאטן.

דער עלטסטער ער קומט צו מיר צו,
און נעמט מיך מיט גוטע רייד,
אַז דו וועסט דעם אמת אויסזאָגן,
ווי טייער וועסטו זיין געקליידט.

אַ פּאַסטן וועלן מיר דיר געבן,
פיל געלט וועסטו באַ אונדז פאַרדינען,
קיין גאַסדגייער וועסטו מער נישט זײַן, (גנב)
און קיין שרעק וועט דיר שוין מער נישט פאָרקומען.

אַ דירה וועט מען דיר געבן,
די פענצטער אין גאָרטן אַריין,
אַלע פאַרגעניגנס וועט מען דיר צוטיילן,
אַז דו וועסט אונדז נאָר געטריי זיין.

איך טו מיך איבערקלערן ,
איך וויים נישט וואָס דאָ צו רעדן,
צי זאָל איך דעם אמת פאַקטיש אויסזאָגן,
צרות וועל איך שוין נישט ליידן.

אויפגענומען בײַ כאַנטשע קרופּקע, וואַרשע 1910




# בײַ נאַכט שײַנט מיר די לבנה

בײַ נאַכט שיינט מיר די לבנה,
בײַ טאָג די זון
קיין אומגליקלעכער אויף די וועלט
נישטאָ ווי איך בין.

צו מיינע צרות נישטאָ קיין ענדע,
ביז אין מיין מיסע,
אַז איך בין שוין פאַרשריבן,
אין וואַרשעווער תּפיסה.

אין וואַרשעווער פּאַוויאַק
איך צענטעווע אין דעם אָרט
אומגליקלעך איז דער מענטש
וואָס ווערט פאַרשריבן דאָרט.

מאַמע, טייערע מאַמע
רחמנות האָב אָף מיר
איך בין אַ בלאַטער
וואָסאַרן נוץ קענסט דו האָבן פון מיר?

כ'זאָל קענען שרייַבן, רעכענען
פלעגסטו מאַכן געוואַלדן
דער פּראָקוראָר לערנט מיך גנבהנען
און גוט באַהאַלטן.

---

אויפגענומען בײַ
יהושיע שטיין, וואַרשע



# כ'בין געװען קליין

כ'בין געװען קליין,
בײַ מײַן טאַטע־מאַמע אין דער היים,
אױ, װאָס האָב איך דעמאָלט באַדאַרפט?
איך טו מיך דערמאָנען
כ'בין אין חדר געגאַנגען
דער רבי האָט געלערנט גאַנץ פײַן.

כ'הײב מיך אױף אין דער פרי
צו מײַן חבר גײ איך אַהין
אין חדר האָב איך נישט געװאָלט גײן.
מײַן מאַמעליו שטײט גרײט
און װאַרט מיך אָפּ צו דער צײַט
זי זעט מיך פון חדר נישט גײן.

ס'איז שױן פאַרבײַ
אַ יאָר דרײַ
די מאַמעליו קאָן נישט פאַרגעסן אָן דעם קינד.
פון דעם קינדס צופיל זאָרגן
איז דער טאַטעליו געשטאָרבן
ס'אַלעס דורך מײַנע זינד.

אין אַ זומערדיקע נאַכט
האָט זיך מיר געמאַכט
אַז גנבענען האָב איך געמוזט גײן.
טױט װי די װאַנט
דעם שאַבער אין דער האַנט
כ'האָב געמײנט, אַז כ'װעל גליקלעך זײַן.

כ'בין צום ערשטן טױער צוגעקומען
האָב איך מיך פאָרגענומען
כ'האָב מיר פאָרגענומען, און כ'בין אַרײַן אין אַ הױז.
כ'האָב באַמערקט װי דאָס טױער
כ'האָב מיך געמאַקלט אין אַ װינקל
כ'האָב באַמערקט װי די קערערן גײט אַרױס.

כ'האָב געפּסיכנט די טיִער
כ'האָב פאַרפּאַקט אָן אַ שיִער
כ'בין געװעזן, אױ, פאַרטיק צו גײן.

פלוצלינג טו איך הערן
װי מ'טוט זיך קערן
סצאַמיעיעט בין איך געבליבן שטײן.

אַזױ באַלד
איז געװאָרן אַ געװאַלד
ס'ביסל יאָלדן האָבן זיך געפּאַקט צו דעם הױז.
אַ געטומל און אַ געשרײ:
„זלאָדזשעיאַ זלאַפּאַי"
איך קאָן שױן פון דאַנעט נישט אַרױס.

ס'ביסל יאָלדן לױפן אױף מײַנע װונדן
װי מ'פירט מיך געבונדן
אין זיבעטן צאַרקל אַרײַן. (פּאָליצײ־קאָמיסאַריאַט)
מ'האָט נישט לאַנג, אױ, געטראַכט
און אַ פּראָטאָקאָל געמאַכט
און מ'לאָזט מיך אין די פינצטער אַלײן.

מ'פירט מיך אין סאָנד (געריכט)
מ'זעצט מיך אין אַ קאָנט (װינקל)
דעם װיראָק האָט מען מיר פאָרגעלײַנט.
קאָנװאָיען בײַ די זײַטן
געקאָװעט אין קײטן
איך הײס שױן דעם נאָמען אַרעסטאַנט.

כ'קוק אָן די קראַטן
דערמאָן איך מיך מײַן טאַטן
אױ, געשטאָרבן איז ער צוליב מיר.
כ'דרײ מיך אױס צו דער װאַנט
מיט אַ גרױס געװאַלד
אַז גנבענען װעל איך שױן נישט מער.

כ'בין נאָר אַרױסגעקומען,
צו דער אַרבעט האָב איך מיך גענומען
זעקס רובל אַ װאָך האָב איך פאַרדינט.
איך האָב שױן פאַרגעסן
אַז כ'בין אַ מאָל געזעסן...
די גנבה זי ציט מיך צוריק.

אױפגענומען בײַ שמואל װײַנבערג, װאַרשע 1913



# אוי, ליג איך מיר אין תפיסה

אוי, ליג איך מיר אין תפיסה, אין פינצטערן געצעלט,
צווישן די גראָבע מויערן,
אוי, ווי אומגליקלעך איז דער גנב אויף דער וועלט,
זײַן לעבן איז נאָר צום באַדויערן.

אוי באַטראַכט נאָר, ליבע מענטשן, די לאַגע פון מיר,
און אויך פון מײַנע ליבע מוטער,
מיט יאָרן צוריק האָט מען מיין מוטער פאַרשיקט קיין סיביר,
איבערדעם איז מיר מײַן לעבן פאַרביטערט.

מיט יאָרן צוריק, ווען מען האָט מײַן מוטער פאַרשיקט,
דעמאָלט האָט זי מיך געבוירן,
דאַמאָלט איז געקומען אַף מיר אַן אומגליק,
דאַמאָלט האָב איך מײַן מוטער פאַרלוירן.

מײַן מוטער איז אָפּגעשטאָרבן אין ווילדן סיביר,
צווישן די געדיכטע טאַיגן,
דער טורמע־נאַטשאַלניק האָט מיך צוגענומען צו זיך,
אין דער תפיסה האָט ער מיך אויפגעצויגן.

אויפגעצויגן האָט ער מיך אין ווילדן סיביר,
צווישן די גראָבע מויערן,
הײַנט באַטראַכט נאָר, ליבע מענטשן, די לאַגע פון מיר,
אוי, מײַן לעבן איז נאָר צו באַדויערן.

קיין ברידער, קיין שוועסטער, האָב איך נישט געהאַט,
עלנט בין איך געבליבן,
מײַן פאָטער מוז אויך זײַן נע־ונד,
גאָט ווייס ווו מ'האָט אים פאַרטריבן.

פון צענטן ביזן עלפטן יאָר בין איך אין סיביר געווען,
ביז וואַנעט איך האָב שכל באַקומען,
דאַמאָלט האָב איך אָנגעהויבן וואַנדערן גיין,
צו קיין ענדע בין איך נישט געקומען.

אוי, איך וואַנדער, איך בלאָנדזשע שוין איייניקע טעג,
איך קען צו קיין ענדע נישט קומען,
דאָ האָט מיך באַגעגנט אַ מענטש אַפן וועג,
וואָס ער האָט מיך צו זיך אַ היים גענומען.

אוי, שטעלט אייך פאָר, ליבע מענטשן, די לאַגע פון מיר,
ווען איך בין אין זײַן שטוב אַרײַנגעקומען,
איך האָב געמיינט, אַז ער האָט מיטלייד מיט מיר,
וואָס ער האָט מיך אַזוי פיין אויפגענומען.

פיל צרות, פיל פיין האָב איך מיר דאָרט צוגעזען,
כ'האָב נישט געוווּסט וואָס מײַן שטרעבן,
ער האָט מיך געלערנט, אוי גאַנווענען גיין,
צו צונעמען בײַ מענטשן דאָס לעבן.

אוי, אַמאָל בײַ נאַכט שטיי איך אין וואַלד,
דאָ קען איך קיין גוטס נישט דערלעבן,
פּלוצלינג זע איך אָנקומען מענטשן אַ סאַך:
„גיט אַהער דאָס געלט אָדער דאָס לעבן"

געשאָסן, געשאָסן אַ צייט נאָך אַ צייט,
דאָס שיסן האָט מיר נישט געגליקט,
ס'וואָלט שוין בעסער און קראַנקער געווען,
מ'וואָלט מיך קיין סיביר צוריקגעשיקט.

אויפגענומען בײַ מענדעלע ריטשעווער, 1914



# גיי איך מיר פון מײַן אַרבעט



גיי איך מיר פון מײַן אַרבעט,
קלאַפּ איך אָן בײַ מײַן מאַמעליוס טיר,
גייט פאַרבײַ דאָס קליינע גנבל
און זאָגט, ער וויל שפּאַצירן גיין מיט מיר. יאָ, יאָ.

מײַן מאַמעליו האָט דאָך מיר צוגעזאָגט,
זי וועט דאָך מיך שלאָגן,
אַז אונדז ביידע וועלן שפּאַצירן גיין,
וואָס וועלן לײַטן זאָגן. יאָ, יאָ.

— הער נאָר דו שיין מיידעלע,
וואָס האָסטו מורא פאַר לײַטן?
אַז אונדז ביידע וועלן שפּאַצירן גיין,
אויף שמאָלע־מילע גאַס אין די זײַטן. יאָ, יאָ.

ער האָט זי גענומען, ער איז מיט איר געגאַנגען,
אַרוים אויף די סמאָטשע גאַס,
צו יצחק פּאָליאַק האָט ער זי אַרויפגעפירט,
דאָרטן האָט ער זי פאַרפאַסט. יאָ, יאָ. (פאַרקויפט)

אַזוי ווי זי איז דאָרטן אַרויפגעקומען,
האָט זי געגעבן די פּשידופּניקעס די האַנט: (אַלפאָנסן)
זיי האָבן אָנגעהויבן אַזעלכע רייד צו רעדן,
אַז זי איז געבליבן טויט ווי די וואַנט. יאָ, יאָ.

— הער נאָר דו ,שיין מיידעלע,
וואָס טוסטו דיך אַזוי איבערנעמען?
דאָ איז נישט פאַראַן אַזעלכע וויטישע יינגלעך, (אָרנטלעכע)
וואָס מ'דאַרף זיך פאַר זיי צו שעמען. יאָ, יאָ.

ער האָט זי גענומען, ער איז מיט איר געגאַנגען,
אַרוים אויף די פּראַגער בריק,
טשעקאָלאַדעס מיט טשאַסטעס האָט ער איר געגעבן,
אויף די פּיקעטע האָט ער איר געשיקט. (אויף פאַרדינסט)

אויפגענומען בײַ חנה־אסתר ווײַסבראָד, ווארשע



# גנבים־ליד

דער יאָלד איז מיך מעקאַנע
דער יאָלד איז מיך מעקאַנע
דער יאָלד איז מיך מעקאַנע מיט מײַן לײַכט שטיקעלע ברויט
ער וויל פון גאָרנישט וויסן
אַז די קעשענע איז צעריסן
עס קומט אָן שווער ווי דער טויט.

מײַן מאַמע מיט מײַן טאַטע
זיי זענען געווען בלאַטע:
אַ רבילע איך זאָל ווערן דאָס איז זייער פאַרלאַנג
ביז דרײַצן יאָר כסדר
האָב איך געלערנט אין חדר
ביז דרײַצן יאָר האָב איך געקוועטשט די באַנק

אין דעם בין איך געזעסן
געטרונקען און געגעסן
מײַן מאַמעליו פלעגט מיר אונטערשטעקן אַ קליין ביסעלע געלט
געשטאָרבן איז דער טאַטע,
און באַלד נאָך דעם די מאַמע,
געבליבן בין איך עלנט אויף דער וועלט.

אַ ירושה האָב איך באַקומען
מיט אַנדערע מזומן
קאָרטן שפּילן און קאָלעגעס אַרײַנגעלאָזט זיך שטאַרק.
ס׳געלט האָב איך פאַרלוירן
אין קאָרטן אָנגעוווירן
געבליבן בין איך ריין אָן אַ מאַרק. (דײַטשעס געלט)

קום איך אַרויס אין מאַרק
און פּאַק אַ גוטן טאַרג (האַנדל)
אַ מאַסעמאַטן פון דאָלאַרן האָט זיך מיר געמאַכט
קיקט אַף מיר אַ יענטע
און שיקט אָן אַף מיר אַ מענטע
מ׳נעמט מיך גלײַך און מ׳צינטעוועט מיך אײַן (אַרעסטירט)

אין טורמע בין איך געזעסן
און אַרויס געקוקט דורך די קראַטן
זומער זע איך רעגענס גיסן, ווינטער זע איך שניי,
אַלע מײַנע יאָרן
בין איך אין קיטש אָפּגעזעסן (טורמע)
און הײַנט טוט מיר אין יעדן אבר וויי.

אויפגענומען בײַ שרה מינץ, זאַמאָשטש 1917



# אױ, באַלד װעל איך מײַן האַלדז אײַנציִען

אױ, באַלד װעל איך מײַן האַלדז אײַנציִען,
כ'װעל בלײַבן הענגען אַף אַ שטריק,
הערטס אױס, מײַנע אַלע גוטע ברידער, (ביס)
פֿון מיר יאָסל בענקאַרט אַ ליד.

אַזױ װי כ'בין נאָר געבױרן געװאָרן,
בין איך געװען בײַ מײַנע עלטערן אין דער היים —
איז אַראָפּ אַף מיר פֿון גאָט אַ צאָרן: (ביס)
אַ גנב, אַ גנב זאָל איך זײַן.

אַזױ װי כ'בין נאָר אַ גנב געװאָרן,
בין איך אַלט געװען צען אין עלפֿטן יאָר,
אין די פֿינצטערע תּפֿיסות האָב איך מיך אױפֿגעצױגן, (ביס)
כ'בין אַלט געװאָרן אײן און צװאַנציק יאָר.

אין די פֿינסטערע תּפֿיסות בין איך געזעסן,
צװישן קראַטן, צװישן אײַזערנע טיר,
אין דעם לעבעדיקן קבֿר בין איך געלעגן, (ביס)
די ליבע פֿרײַ — זי איז פֿאַרשטעלט פֿאַר מיר.

קאָנװאָיען מיט די בלאַנקע שװערדן —
דער עטאַפּ ער איז שױן פֿאַר מיר אָנגעגרײט:
דאָ נעמט מען מיך אָן בײַ מײַן טײַערע האַנט (ביס)
און מ'שליסט מיך װי אַ הונט אַף דער קײט.

דער עטאַפּ — ער איז שױן אָפּגעפֿאָרן,
עטלעכע טעג דורך אַנאַנד,
װיפֿל צענערדיקע בריװ כ'האָב צו מײַנע עלטערן געטאָן שרײַבן, (ביס)
אַז איך בלײַב אַן אײביקער אַרעסטאַנט.

װען כ'בין קײן סיביר אַרײַנגעקומען,
אַפֿן פֿרײַען פֿעלד האָט מען מיך געלאָזט שטײן,
אױ, צום װאַנדערן האָב איך מיך גענומען (ביס)
װײַל כ'בין געװען עלנט אַלײן.

כ'בין מיט מזל קײן װאַרשע געקומען —
אַף דעם אומגליק האָב איך מיך גאָרנישט גערעכט (געריכט)
אין ביוראָ־שלעדסטװע האָט מען מיך אַרײַנגענומען (אױספֿאָרשונגס־אַמט)
אַ ספּראַװע אַף לינק האָט מען מיר געמאַכט.

אױפֿגענומען בײַ שמואל שטאַרק, װאַרשע 1907



# הערט אוים, מענטשן

הערט אוים, מענטשן, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן,
געגשעׂ איין און פופציק אין אַ שטיב, אין אַ שטיב!
אַרויסגעקומען איינער, לייבל דער פיינער, (ביס)
און האָט זיך אין בראָניען איַינגעליבט, איַינגעליבט.

זיי האָבן זיך געליבט אַ צייַט מיט אַ צייַט,
פון זייער ליבע האָט קיינער נישט געוווּסט, אוי, געוווּסט,
אין אַ פראָסטן דאָנערשטיק איז לייבל געגאַנגען שפּאַצירן, (ביס)
אַף די טוואַרדע גאַס איז ער געוואָרן פאַרשיט, אוי, פאַרשיט.

„הער שוין אָף צו וויינען, „הער שוין אָף צו טרויערן,
דו מאַכסט דאָך אַף דייַן פּעניטל אַ פלעק, אוי, אַ פלעק",
„פאַרוואָס זאָל איך נישט וויינען, פאַרוואָס זאָל איך נישט טרויערן?
מ'שיקט דאָך שוין לייבלען אַוועק, אוי, אַוועק".

אַזוי ווי לייבל איז אין זשאַנדאַרמעריע אַרייַנגעקומען,
מיט אַלע בעסטע ברידער האָט ער זיך געגעבן די הענט, אוי, די הענט,
איין בעסטער ברודער האָט ער געשווירן באַ זייַן פרייַ, (ביס)
אַז בראָניע האָט אַ צווייטן דערקענט, אוי, דערקענט.

ער ליגט זיך אַף זייַן נאַרע און ברעכט זיך זייַנע הענט,
גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט, אוי, נעכט,
גיט מען אַ געשריי: לייבל, ווסטאַווייַ! (שטיי אויף) (ביס)
בראָניע האָט וואַלוּוקעס געבראַכט, אוי, געבראַכט.

„איך עס נישט, איך טרינק נישט, איך שלאָף נישט גאַנצע נעכט,
בענקען בענק איך נאָר נאָך דיר, נאָר נאָך דיר,
דייַנע שוואַרצע אויגן האָבן מיך צוגעצויגן (ביס)
צו כל צרות האָסטו מיך געבראַכט, אוי, געבראַכט".

„איך עס נישט, איך טרינק נישט, איך שלאָף נישט גאַנצע נעכט,
בענקען בענק איך נאָר נאָך דיר, נאָר נאָך דיר,
כ'זאָל אַפילע וויסן מייַן לעבן צו פאַרשפּילן, (ביס)
חתונה האָבן מוז איך שוין מיט דיר, שוין מיט דיר".

אויפגענומען בייַ לאה יאַגאָדע, וואַרשע



# אויף די טרעפּלעך

אַף די טרעפּלעך זענען מיר ביידע געזעסן,
דיינע אייגעלעך זענען געווען פאַרווייינט,
דער זייגער האָט שוין צוועלעווע געשלאָגן: (צוועלף)
פיר מיך, דושקעניו, אַהיים.

אַזוי ווי כ'בין נאָר צום טויער צוגעקומען,
דאָס פּאָרטקעלע איז געווען פאַרמאַכט,
אַף זײַן קוואַטירעלע האָט ער מיך גענומען,
און ער האָט מיך צו שאַנד געבראַכט.

דו ביסט דאָך אַ יינגעלע אַן אורקע, (א גנב)
כ'קען דיך מסרן ס'זאָל נעמען פון דיר אַן עק, —
לאָמיר ביידע אַ חופהלע שטעלן,
און לאָמיר ביידע קיין אַרגענטינע אַוועק.

אַזוי ווי כ'בין נאָר קיין אַרגענטינע געקומען,
פאַר אַ פרויען־צימער האָט ער מיך געמאַכט, (גאסן־פרוי)
אָפּגעצעגנטעוועט זאָלן ווערן זיינע יאָרן (אָפּזיצן אין תפיסה)
וואָס האָט ער פון מיר אַ טעל געמאַכט.

אויפגענומען בײַ שמואל וואַרשאַווסקי, וואַרשע




# אַ גנביש ליד פון ווארשע

יאַך בין גיווען שומעראַנע
כ'האָב גיהאַט אַ וויטישע כלה
זיי האָבן מאַך אָנגערעט
אַז יאַך זאָל גנבענען
אַ פּאַיאַ זיכט זיי אַלע.
אין דרויסן גייט אַ רעגן
אין דרויסן גייט אַ שניי
אין יאַך טראָג עים די וואַלוווקעס
ווינד איז מיִאַ און וויי.

פייגעלע מײַן לעבן, פייגעלע ניש ווײַן
זאָלאָך פּאָלן אין דער תפיסה
אויב יאַך אַנדערש מײַן.

יאַך בין אין זעקסטן חודש
טראָג אַ קינד אינטער מײַן ברוסט,
דער טאַטע שלאָגט מאַך, פלאָגט מאַך
אוי, ווי האַלט מען דאָס אָאָס.
קומען וועט דער פרילינג
נעמען וועט אַ סוף
מיִאַ וועלן ביידע אַ חופה שטעלן
אין טאַקע באַ אַ רב.

אויפגענומען בײַ דאָרע עסטערזאָ, אַרגענטינע



# גנבים־ליד

מײַן מאַמעלו האָט מיך געטראָגן,
געטראָגן און געזויגן,
מײַן מאַמעלו האָט מיך דערקענט:
אַ גנב אין מײַנע אויגן.

אַ גנב, אַ גנב איז דאָך
ביטער ווי דער טויט!
ער גנבעט און ער גזלט —
און ער האָט נישט אַף קיין ברויט.

אויפגענומען בײַ לאה שליפּקע, קאַלושין 1908



# אַנעקדאָטן און גלײַכװערטלעך

אַ מוטער איז געלאָפן אין װאַרשעװער גמינע און אָנגעטראָפן דעם ערשטן דאָזאָר און אים געבעטן, ער זאָל זען באַפרײַען איר טאָכטער, אַ סאָציאַליסטקע, װאָס איז אַרעס־טירט. דער דאָזאָר האָט איר געזאָגט:

— אַ שײנע רײנע כפרה. אַזאַ מױד װי זי גיט זיך נישט אָפּ מיט אַזעלכע זאַכן.

האָט די מוטער געענטפערט דעם דאָזאָר:

— נו, װאָס זאָל איך טון, אַז כ'האָב אָנגעטראָפן אַף צװײ עקשנים, זי װיל נישט אַז ניקאָלײַ זאָל זײן קײסער און ניקאָלײַ װיל דװקא יאָ זײַן קײסער.

---

פון די געשעענישן אין יאָר 1905

ס'האָט זיך אַ מוטער געבעטן בײַ אַ טאָכטער, װען מען איז געקומען זי אַרעסטירן:

— זע נאָר, שרה, װאָס װילסטו האָבן, װאָס אַרט עס דיך? לאָז ניקאָלײַ זײַן נאָך אַ יאָר קײַסער.

---

װען די גאַסן־רעװיזיעס זענען פאָרגעקומען אין 5טן יאָר, האָט פּאָליציי אָפּגעשטעלט אַ ייִד און אים געפרעגט אויף אַ פּאַספּאָרט, האָט דער ייִד געענטפערט:

— פּאָצאָ פּאַנו פּאַשפּאָרט, יעזשעלי יאַ יעסטעם.

---

אַ מײדל האָט זיך געמישט אין דער אַרבעטער־באַװעגונג און פלעגט אַלע מאָל אַהײמקומען שפּעט בײַ נאַכט. האָט די מוטער זי אײן מאָל געפרעגט:

— רבקה, װאָס װעט זײַן דער סוף, װאָס װעט זײַן דער תכלית, װאָס דו קומסט אַהײם אַזױ שפּעט בײַ נאַכט?

— זעסטו, מאַמע, מיקאָלקע ליגט מיר שױן דאָ! און זי האָט דערבײַ געװיזן אױפן האַלדז.

---

אַ פּאָטער װאָס האָט געהאַט אַן אײנציקע טאָכטער, װעל־כע פלעגט אַהײמקומען שפּעט פון אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, האָט זי אַ מאָל געפרעגט:

— טאָכטערשי, װאָס קומסטו אַזױ שפּעט? װוּ ביסטו? װאָס װעט זײַן דער תכלית? װאָס הײסט — די גײסט אַראָפּ־װאַרפן דעם קײַסער? מ'װעט דאָך דיך אַרעסטירן און אײַנזעצן אין ציצידעל (ציטאַדעל, װאַרשעװער פעסטונג).

האָט די טאָכטער געענטפערט:

— טאַטעשי, אײנס פון די בײדע, אָבער מײן טױט, אָבער זײַן טױט.

---

פון די צאַרישע צײַטן אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה:

גענעראַל אָקי
און גענעראַל קוראָקי
האָבן אײַנגענומען סטעסל
אי דאַלי מו פּאָ באָקי.

(דאָס איז געזונגען געװאָרן אין דער צײַט פון דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג אין יאָר 1904).

# פּ אַ ר אָ ד י ע ס

(אויף דער אַרבעטער־באַװעגונג פון יאָר 1905)

חברים און חברטעס,
גבאים און גבעטעס!
גרױסע יאַטן און קלײנע יאַטן
פאַראײניקט אײַך צום בלוטיקן קאַמף.

אויפגענומען בײַ הירש טײטעלבױם, װאַרשע

חברים יאַטן!

קלײנע יאַטן אַף ברױשקעס, גרױסע אַף פּלאַטפאָרמעס, קיקטס נאָר אָן די בעל־הביתטע װי גראָב זי איז, אַ ריִעך אין איר טאַטנס טאַטן אַרײַן! ביז יעצט האָב איך גערעדט עקאָנאָ־מיש, יעצט גײ איך רעדן פּאָליטיש. װאָס דאַרפן מיר אַ קײַ־סער, אַ ריִעך אין זאַן טאַטנס טאַטן אַראַן. די בורזשואַזיע דאַרף מען אַלע אָנ... אין פּיסק אַרײַן.

אויפגענומען בײַ כיל נײמאַן, װאַרשע

— — —

# אַ רעדע פון שילעם לעצקי

(קײסער בײַ די אונטערװעלט־מענטשן)

(בשעת דעם אָנגריף װאָס די אַרבעטער האָבן געמאַכט אויף די „הײַזלעך" אין יאָר 1905)

חברים, יאַטן, קעשענע־גנבים, מאַטשאָרניקעס, קלײנע פאַר־דינערס, שאָפּענפּעלער, אַ ריך אין ענקער פאָטער און מו־טער אַרײן!

אַזױ װי בײ דעם יעצטיקן מאָמענט, װען די געבערעטע, יאָלדישע אַרבעטאָרערס האָבן זיך גענומען צו אונז אַזױ װי יאָסל נועז כמאַליעט אַרײן זײן נעקײװע סימעלע.

אַלזאָ חברים, אַ ריִעך אין אײער געפײגערטע מוטער אַרײן! און דעריבער זאָג איך ענק, אַז מיר זאָלן זיך צוזאַמען נעמען דאָ אָפן בוגאַי (אַ גאַס אָפן אַלטשטאָט אין װאַרשע, װוּ עס איז געװען אַ נעסט פון די אונטערװעלט־מענטשן) און מיר זאָלן זיך אַנטקעגנשטעלן יעדן פאַרזשאַװעטן אַרבעטאָרער, דער װאָס װעט דאָ אַהער קומען, דאַרף מען אַף שטיקער צעשנײדן, אַ ריִעך אין זײער פאָטער און מוטער אַרײן!

אַלזאָ, פּײסעך בעקער און פײװל מאַטש און הערשל קאַ־טאָפּליאַזש און פוליע דרוטשאַרזש און מענדל טײמאַן און נאָטע דראָזשקאַרזש און יידל מאַזשעזשניק און מענדל קלײ־בער און װעלװל קראָװיאַרזש און נאַכמען נאַטשאַלניק און פײװל מערדער און לײבל בולץ, און אויך די אַלע װאָס האָבן די נעקײװעס בײ אונז, און די קלײנע מאַרװיכערס און די שאָפּענפּעלערס, זאָלן אַלע דאָ זײן צוזאַמען און נישט לאָזן די אַרבעטאָרערס דאָ אַהער קומען.

עטיך הערט, אַ ריִעך אין ענקער פאָטער און מוטער אַרײן! טאָמער, עמיר זיך לאָזן פון זײ, װעט אונז אויסקומען צו װערן װיטישע, און צו לעבן װי די געטאַרכענטע יאָלדן מיט אַ פערטל ברויט און אַ לאַפּ הערינג.

אַלזאָ, עטיך האָט געהערט, װאָס מ'האָט צי ענק גערעדט, אַ ריִעך אין ענקער פאָטער און מוטער אַרײן!

אויפגענומען בײַ שלמה קאָרן, װאַרשע

# דרשה פון מגיד אין דער ליטווישער שיל, נאַלעווקי 39

מורי ורבותי!

די גרויסקייט פון אונדזער תורה איז גאָרניסט אויסצודערציילן, דאָס איז אַ זאַמיעצאַטעלנע אַמוניציע, מיט וועלכער מיר נעמען איין די וועלט. צו וואָס דאַרפן מיר באָמבעס, צו וואָס גראַנאַטן, אַז צום ערסטן פייערפראָנט האָט אונדז דער רעבוינע־סעל־אוילעם געגעבן דריי גרויסע סראַפּנעלן: „באָבע קאַמע", „באָבע מעציִע" און „באָבע באַסרע", וועלכע זיינען מסוגל צו ספּאַסאַיען די וועלט פון אַן אונטערגאַנג. טראַכט זיך נאָר, רבותי, אַריין אין ענין און עס וועט אייך ווערן יאַסנע. די וועלט לעבט אין איין טויטסרעק, באַאַסער מ'האָט כסדר מורא פאַר אַ מלחמה. וואָס איז אַזוינס מלחמה? מלחמה זנאַציט אַז צוויי מלכים האָבן זיך אָנגעבלאָזן און איינגעספּאַרט. איינער טענהט, אַז די גאַנצע לאַנד געהער אים און דער אַנדערער טענהט, אַז די גאַנצע לאַנד געהער נאָר אים, קען מען צווישן זיך ניט אַדורכקומען און מען פאַרגיסט בלוט. קומט צו גיין „באָבע מעציִע" און זאָגט: „סנאַיִם אויכזין בעטאַליס", ווען צוויי אַמפּערן זיך איבער אַ לאַנד, יעדער טענהט, קולע סעלי! אַז די גאַנצע לאַנד געהער נאָר אים און ניט דעם צווייטן, מוז מען געפינען אַ וויכאָד, אַזביידע צדדים זאָלן זיין צופרידן, ד"ה ויחלקו — דיר ביז אַהער — מיר ביז אַהין, און ס'וועט זיין סאָלעם אַף דער וועלט, און אויב עס איז פאַראַן גאָר אַ גרויסער ספּאָר, וואָס לאָזט זיך ניסט רעדן אויפן אָרט, איז אויך ניסט קיין אומגליק. צו וואָס זיך איילן און דערפירן כאַסוועסאָלעם צו סעפּיכאַס דאָמים, זאָל מען עס בעסער אָפּלייגן אַף ספּעטער. יעהיי מונעך אַד סעיאָווע איילידו. ווייטער ווייסן מיר, אַז ווען צוויי מלכים פאַרנעמען אַ פרעמדע לאַנד און ווילן דאָרט אויפבויען אייגענע אוצרעזשדעניעס, ברעכט ס'ראָב אויס אַ מחלוקה, אי די מלכים אַמפּערן זיך, אי דער באַזיגטער נאַראָד בונטעוועט זיך. קומט צו גיין די „באָבע באַסרע" און זאָגט, אַז מען דאַרף זיך דורכוים רעכענען מיטן ווילן פון נאַראָד און גאָר ניסט טאָן כנגד זיין רצון. אַזוי אַרום וועלן די מלכים זיך אומזיסט ניט אָפּעסן די האַרץ און דער נאַראָד וועט זיך ניסט בונטעווען...

---

# צונעמענישן וועגן וואַרשעווער

וואַרשעווער נאַראָנים
וואַרשעווער נאַשערס
וואַרשעווער פליאַדערס
וואַרשעווער פרייַערס
וואַרשעווער פרעסערס
וואַרשעווער קעלבער
וואַרשעווער שאַכערס
וואָליער לאַטקעס
וואָליער פשעקופּקעס
וואָליער פויערים
וואַרשעווער אינדיקעס
וואַרשעווער גנבים

וואַרשעווער הולטייַעס
וואַרשעווער זשוליקעס
וואַרשעווער זויפערס
וואַרשעווער טאַשן־ציִער
וואַרשעווער פּיפּקעס
וואַרשעווער יאַכנעס (יאַך)
וואַרשעווער לאָך (למשל קינדאָלאָך)
פּראַגער אָקסן
פּראַגער חזירים
פּראַגער פערד־גנבים.
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

---

# ווערטלעך וועגן וואַרשע

1. אַ וואַרשעווער איז נאָר קלוג ביז די ראָגאַטקע.
2. דרייַ וואָכן הינטער וואַרשע.
3. וואָס הערט מען אין וואַרשע? די ווייַסל ברענט.
4. פּראָווענצער גנבים.

אַזוי האָבן גערופן די וואַרשעווער די איינוווינער
פון קליינע שטעטלעך.

# • • פערזענלעכקייטן • •

שרײַבערס, און געזעלשאַפטלעכע טוערס וואָס האָבן געווירקט אין וואַרשע.

דאָס רוב דאַטעס זענען גענומען פון „לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור" פון זלמן רייזען.
אַ סך נעמען וואָס זענען נישט אַרײַן, וועלן קומען אין צווייטן באַנד „פנקס וואַרשע".



## אַטלאַס אליעזר (1851—1904)

העברעיִשער שרײַבער, געבוירן אין ליטע, געלעבט אין וואַרשע. געהערט צו דער קאָנסערוואַטיוו־אָרטאָדאָקסישער ריכטונג, זיך פאַרנומען מיט דער קריטיק פון השכלה־שרײַבערס, געווען אַ קעגנער פון ציוניזם, געהערט די לעצטע יאָרן צו די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן (לשכה השחורה).

## אייזנבוים אַנטאָן (1791—1852)

ייִדישער פּעדאַגאָג און שרײַבער, געבוירן אין וואַרשע, געהערט צו דער גרופּע ייִדישע משכילים אין פּוילן, פון דער ערשטער העלפט 19טן י"ה (אברהם שטערן, יעקב טוגנדהאָלד א"אַ). אין אַ מעמאָראַנדום צום קייסער אַלעקסאַנדער דעם ערשטן האָט ער אַנטוויקלט זײַנע אידעען ווי אַזוי צו רעפאָרמירן דאָס ייִדישע לעבן. סוף 1823 הייבט ער אָן אַרויסגעבן אויף דײַטשמערישן ייִדיש און אויף פּויליש די צײַטונג „דער באָאָבאַכטער אַן דער ווייכסעל". זי האָט אָבער קיין דערפאָלג נישט געהאַט און נישט געקוקט אויף דער סובסידיע פון דער רעגירונג געמוזט אין אַ יאָר אַרום פאַרמאַכן זיך. אין די קרייזן פון דער פּוילישער אינטעליגענץ און אין דער פּוילישער פּרעסע האָט ער פּאַרטיידיקט די פאָדערונג פון דער ייִדישער עמאַנציפּאַציע און אַסימילאַציע, לויט זײַן איניציאַטיוו איז אין 1826 געגרינדעט געוואָרן די וואַרשעווער ראַבינער־שול, וווּ אייזנבוים איז תחילת געווען אינספּעקטאָר, און פון 1835 — דירעקטאָר ביז זײַן טויט. די ראַבינער־שול איז געוואָרן דער הויפּטפאַרשפּרייטער פון אויפקלערונג און אַסימילאַציע אין פּוילן אין משך פון כמעט 4 יאָרצענדליקער.

## אָרגעלבראַנד שמואל (1810—1868)

באַקאַנטער פאַרלעגער, געבוירן און געלעבט אין וואַרשע, אַרויסגעגעבן איבער 250 ייִדישע און נישט־ייִדישע ביכער, צוזאַמען 500 בענד. צווישן די ייִדישע אויסגאַבעס פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ די אויסגאַבע פון תלמוד־בבלי. אָרגעלבראַנד איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ גרויסע ענציקלאָפּעדיע אין פּויליש Encyklopedia Powszechna אין 28 בענד. דער לעצטער באַנד איז אַרויס אין יאָר 1868.

## אַלמי א. (1892)

פּסעוודאָנים פון ייִדישן דיכטער און עסייִסט אליה חיים שעפּס, געבוירן אין וואַרשע אין אַ פאַמיליע פון אָרעמע בעלי־מלאכות. ביז 10 יאָר געלערנט אין חדר, שפּעטער זיך אָפּגעגעבן מיט זעלבסטבילדונג, אַרומגעוואַנדערט איבער דײַטשלאַנד, עסטרײַך, האָלאַנד, בעלגיע. 1012 אַוועק קיין ניו־יאָרק, וווּ ער פאַרנעמט זיך מיט ליטעראַרישער און זשורנאַליסטישער טעטיקייט. באַטייליקט זיך אין די פאַרשידנסטע ייִדישע צײַטשריפטן פון פּוילן און אַמעריקע.

## באַרנשטיין חיים יחיאל (1845—1928)

העברעיִשער שריפטשטעלער און כראָנאָלאָג. 1885 איז ער געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע אין וואַרשע, אויף דער עלטער אין גאַנצן בלינד געוואָרן. באַרנשטיין האָט זיך פאַרנומען דער עיקר מיט די פּראָבלעמען פון ייִדישער כראָנאָלאָגיע אין ייִדישן לוח. פון זײַנע גרעסערע אָפּהאַנדלונגען זענען באַקאַנט „מחלוקת ר' סעדיה גאון ובן מאיר", „סדרי הזמנים והתפתחותם בישראל", „תאריכי ישראל" א"אַ. האָט איבערגעזעצט שעקספּירס האַמלעט אויף העברעיִש.

## בירנבוים מרדכי (1877—1934)

פּעדאַגאָג, אין 90ער יאָרן זיך באַזעצט אין וואַרשע. געגרינדעט דעם פאַרלאַג „מעשהלעך", אַרויסגעגעבן ייִדישע לייענביכלעך פאַר ייִנגערע און עלטערע קינדער. צוזאַמענגעשטעלט לערנביכער פאַר דער נײַער שול. 1907 גיט ער אַרויס אַ „כריסטאָמאַטיע פאַר דערוואַקסענע", אַ „פּראַקטישע ייִדישע גראַמאַטיק", 2 טיילן „נאַטורוויסנשאַפט", 2 טיילן „געאָגראַפיע", 2 טיילן „אַלגעמיינע געשיכטע", 2 טיילן „ייִדישע געשיכטע". האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ייִדישן פרעמדווערטער־בוך, זיך באַטייליקט אין די ייִדיש־וועלטלעכע שולן אין פּוילן.

## בערנשטיין יצחק (איגנאַץ) (1836—1908)

געבוירן אין פּאָדאָליע 1856, זיך באַזעצט אין וואַרשע, זאַמלער פון פאָלקלאָר. זײַן פאָלקלאָר־ביבליאָטעק האָט ער פאַרן טויט אָפּגעשריבן די קראָקאָווער אַקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפטן (700 ביכער און מאַנוסקריפּטן), אַרויסגעגעבן אַן אויסגאַבע פון ייִדישן פאָלקלאָר א"נ „ייִדישע שפּריכווערטער און רעדנאַרטן". אין זײַן באַנד א"נ „דעם ייִדישן פאָלק געווידמעט" גייען אַרײַן 3.993 שפּריכווערטער און רעדנאַרטן. געווען גרינדער און הויפּט־טוער פון דער ביבליאָטעק בײַ דער וואַרשעווער סינאַגאָגע. געשטאָרבן אין בריסל.

## באַלאַבאַן מאיר שמואל (1943—1877)

געבוירן אין לעמבערג, אומגעקומען אין ווארשעווער געטאָ אין 1943, געווען דירעקטאָר פון ראַבינער־סעמינאַר „תחכמוני" אין ווארשע, דאָצענט פאַר יידישער געשיכטע אין ווארשעווער אוניווער־סיטעט, פּראָפעסאָר פון דער „פריַיער פּוילישער הויכשול" און שפּע־טער פּראָפעסאָר און רעקטאָר פונעם יודאַיסטישן אינסטיטוט אין ווארשע.

באַלאַבאַן האָט געהערט צו די סאַמע פּראָדוקטיווסטע יידישע היסטאָריקער, האָט געשריבן אין פּויליש, דייַטש, יידיש, צום טייל אויך אין העברעיִש.

נאָך אין 1903 אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש צו באַארבעטן די געשיכטע פון יידן אין פּוילן. זינט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט עטלעכע הונדערט ארבעטן, צווישן זיי א ריי גרויסע מאָנאָגראַפיעס.

## א. ברעסלער

געבוירן אין שטויבץ, ווייסרוסלאַנד, געוווינט די גאַנצע צייַט אין ווארשע. געהאַט די ערשטע און גרעסטע לייַ־ביבליאָטעק אין ווארשע אין די צארישע צייַטן און אויך צווישן ביידע וועלט־מלח־מות. ארויסגעגעבן אין ווארשע מיט א. קאַטיק פּאָפּולער־וויסנ־שאַפטלעכע ביכלעך, איבערגעזעצט ה. ט. באָקלס: „די געשיכטע און ציוויליזאַציע אין ענגלאַנד", ווארשע 1895, פּאַוולאָוויטשעס „ווי האָבן מענטשן געלעבט מיט אייניקע טויזנט יאָר צוריק", צו־זאַמען מיט א. קאַטיק 1896, פ. שטריסלערס „די מענטשלעכע אַנטוויקלונג" קולטור־געשיכטע פ"ג פראַגרעס 1901, „באָקלס" ער־צעלונגען וועגן ווילדע מענטשן": 1895 „ארבעט און קאַפּיטאַל" 1895, „יוסף פּערל" זיין ביאָגראַפיע, ליטעראַרישע און אַלגעמיינע ארבעט פ"ג פראַגרעס 1901, געשריבן די ביאָגראַפיע פון פּרץ סמאָלענסקי, וועגן „ראָבערט אָווען" זיין לעבן און געזעלשאַפטלע־כע טעטיקייט, פ"ג „די פּראָלעטאַרישע וועלט" ווארשע 1907, פאַר־עפנטלעכט אונטערן פּסעוודאָנים א. יצחקי פּובליציסטישע ארטיק־לען אין „הצפירה", און א. רייזנס יאָר־בוך „פּראָגרעס" און בראָ־שורן „וואָס דאַרף מען און וואָס קאָן מען טאָן", און „וועגן ציו־ניזם" א"א.

## ביכאָווסקי שניאור זלמן (1865)

געבוירן אין קאָרעץ, וואָלין. געענדיקט דאָקטער מעדיצין אין ווארשע. געווען אָרדינאַטאָר אין קריסטלעכן שפּיטאָל אין פּראַגע־ווארשע. געשריבן אין דער פּוילישער פּרעסע וועגן ציוניזם. זייַנע ארטיקלען אין יידיש געדרוקט אין „מאָמענט", „הייַנט". איז געווען א מיטגליד אין פארשידענע וויסנשאַפטלעכע געזעלשאַפטן אין וואר־שע און אין אויסלאַנד, גרינדער פון א מעדיצינישן סעמינאַר אין ווארשע צו פאָרשן דעם פיזישן און פּסיכישן מצב פון יידן. געווען זינט 1923 לאַווניק אין ווארשעווער מאַגיסטראַט און ראַטמאַן אין דער ווארשעווער קהילה.

## ביבער שלמה (1875)

געבוירן אין אָסטראָוו, וואָלין. 1894 געקומען קיין ווארשע, קאָרעספּאָנדירט אין רוסישע און אין רוסיש־יידישע צייַטשריפטן. יידיש אָנגעהויבן צו שרייַבן אין דעם אומלעגאַלן אָרגאַן פון דער יידישער סעקציע פון פּפ"ס „דער ארבייטער", אויך געארבעט אין דער יידישער טאָגפּרעסע, ווי „דער וועג", „דער טעלעגראַף". זינט 1908 נאַכט־רעדאַקטאָר. צו ערשט אין „אונדזער לעבן", דאַן אין „פריַינד" אין ווארשע, און צו לעצט געשריבן פּובליציסטישע אַר־טיקלען, באַריכטן, צייַטונגס־ראָמאַנען אין „מאָמענט". געשטאָרבן אין ווארשע אין 1932.

## בוקסבוים נתן (1890)

געבוירן אין לעמבערג, פּאָליטישער טוער און זשורנאַליסט, איינער פון די אָנפירער פון דער פ"צ־פּאַרטיי, צוערשט אין מזרח־גאַליציע און שפּעטער אין ווארשע. געווען ראַטמאַן אין ווארשע־ווער שטאָט־ראַט, מיטרעדאַקטאָר פון דער „ארבעטער־צייַטונג" (וואָכנשריפט פון די לינקע פ"צ), געווען מיטגליד אין אויספיר־ביוראָ פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע (צישאָ) כמעט במשך פון דער גאַנצער צייַט פון איר עקסיסטענץ. אומגע־קומען אין 1944 אין ווארשעווער געטאָ.

## באַשעוויס יצחק (1904)

פּסעוודאָנים פון יצחק זינגער, געבוירן אין לעאָנטשין, פּוילן. דעביוטירט אין 1935 אין דער ווארשעווער וואָכנשריפט „ליטע־ראַרישע בלעטער" נומער 60, געדרוקט דערציילונגען אין העברעיִש אין ווארשעווער „היום", מיטגעארבעט ווי א זשורנאַליסט אין דער ווארשעווער יידישער פּרעסע און אין „ווארשעווער שריפטן" (1927—1926), פון 1935 געפינט ער זיך אין אַמעריקע, וווּ ער געהערט צו די ליטעראַרישע זייַלן פון געלן „פאָרווערטס".

## בזשעזינסקי אהרן (1940—1890)

געבוירן אין ווארשע בייַ פרומע יידישע עלטערן. זייַן פאָטער, ר' ישראל, א חסידישער ייִד, וואָס האָט געהאַט אין ווארשע א קרעמל פון פאַרעם, האָט אים געגעבן א טראַדיציאָנעל־יידישע דער־ציִונג.

ער איז זייער פרי מיטגעריסן געוואָרן פונעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם אין צארישן רוסלאַנד. מיט חסידישער התלהבות האָט ער געקעמפט אין די אַנאַרכיסטישע רייען אין אַמאָליקן רוסלאַנד און באַצאָלט דערפאַר מיט תפיסות.

קיין פּאַריז איז ער געקומען נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט דאָ שטודירט אין דער קונסט־אַקאַדעמיע סקולפּ־טור. ער האָט דערבייַ אָבער נישט אויפגעהערט זיך צו אינטערע־סירן מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען, מיט יידישע און אַלגעמיינע ענינים.

בייַם אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געפאָרן קיין לאָנדאָן וווּ ער איז געווען טעטיק אין דער אַנאַרכיסטישער באַ־וועגונג.

בייַם אויסבראָך פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז ער צוזאַ־מען מיט די ערשטע פּאָליטישע עמיגראַנטן געפאָרן קיין רוסלאַנד. עטלעכע יאָר שפּעטער איז ער צוריקגעקומען קיין פּאַריז, פאַר־ברענגענדיק צו ערשט א שטיקל צייַט בייַ זייַנע עלטערן אין ווארשע. אין פּאַריז האָט ער זיך גענומען ווייַטער שטודירן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע סקולפּטור, האָט זיך אינטערעסירט מיטן יידישן און אַל־

געמיינעם לעבן, געווען סעקרעטאַר פון „פאַרבאַנד פון די יידישע קינסטלער".

בכדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, פלעגט ער ארויסנעמען אַ געוויסע צייט, פון אַ וועלכער פאַריזער מעבל־פאַבריק, שניצעריי־ארבעט. ביי דער דאָזיקער ארבעט האָט ער ארויסגעוויזן אַ סך בקיאות און געשמאַק.

ער איז געווען זייער מוזיקאַליש און פלעגט אויך געבן לעקציעס פון פידל־שפּילן. צו זיינע תלמידים האָט אויך געהערט מאַרסעל שטערן, דער יונגער טאַלאַנטירטער פידלער.

יאָרנלאַנג האָט ער געוווינט אין אַ ד' אמות־שטיבעלע, וואָס האָט זיך געפונען אויף נומער 5, רי דע וואַלאַנס, אָן גאַז און אָן עלעקטריש ליכט.

דאָס טישל מיטן נאַפטלאָמפּ לעבן אייזערנעם בעטל איז געווען ביי אים תמיד באַלייגט מיט ביכער, צייטונגען... און אַ סך איבערגעבליבענע רעשטן פון אויסגערויכערטע פּאַפּיראָסן. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע ביבליאָטעק מיט ווערק וועגן סקולפּטאָר, מאָלעריי, געשיכטע, פילאָסאָפיע, יידישער און אַלגעמיינער ליטעראַטור, אין יידיש, פראַנצויזיש און ענגליש, האָט זייער אַ סך געלייענט און נאָך מער געטראַכט. האָט תמיד געלעבט אין דחקות און אָרעמקייט, זיין גאַנצע טעגלעכע דערנערונג איז כמעט שטענדיק באַשטאַנען פון אַ גלעזל שוואַרצע קאַווע און אַ פראַנצויזיש בייגעלע. אין זיין מאַטעריעלער אָרעמקייט איז ער געווען זייער שטאָלץ, נישט גערעדט קיין מאָל וועגן זיך און נישט וועגן זיין דלות.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער זיך אריבערגעקליבן אין אַ גרעסערער אַטעליע אויף נומער 14 פּאַסאַזש וויקטאָר מאָרשאָן, האָט געשאַפן אַ גאַנצע ריי קינסטלערישע סקולפּטור־ארבעטן, פון וועלכע עס זענען איבערגעבליבן די ביוסטן פון רוסיש־יידישן אַנאַרכיסט סאַשאַ שאַפּיראָ, פון דוויד בן גוריון און פון דער ישראל־סקולפּטאָרין בתיה לישאַנסקי.

פון יאָר 1932 אָן האָט אהרן בזשעזינסקי אויך אָנגעהויבן צו שרייבן. ער האָט פאַרעפנטלעכט אינטערעסאַנטע עסייען וועגן קונסט, וועגן דער אַלטער מצרישער קונסט, וועגן האָנאָרע דאָמיע און וועגן אַנדערע באַרימטע פראַנצויזישע מייסטערס, אין דער טעגלעכער צייטונג „דער טאָג" וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין פּאַריז אונטער דער רעדאַקציע פון נח פּרילוצקי. געשריבן האָט ער אין אַ זייער אָנגענעמען, שפּילעוודיקן סטיל. האָט שפּעטער אויך מיטגעאַרבעט אין דער לאָנדאָנער יידישער וואָכן־צייטונג „דאָס פרייע וואָרט", אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר י. נ. שטיינבערג.

אין מאַרץ 1939 האָט בזשעזינסקי אָנגעהויבן ארויסצוגעבן צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים אַ צייטונג „די פרייע טריבונע", אַן אָרגאַן פאַר ליטעראַטור, קונסט און געזעלשאַפטלעכער קריטיק, וווּ ער איז געווען רעדאַקטאָר.

דער קינסטלער און שרייבער אהרן בזשעזינסקי, וואָס איז געווען פּאָפּולער אין יידישן פּאַריז, האָט די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געליטן פון אַ שווערער האַרצקראַנקהייט. מיט דער דאָזיקער האַרצקראַנקהייט האָט ער זיך ארומגעדרייט אין די ערשטע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין פּאַריז און דעם 7טן יאַנואַר 1940 איז ער געשטאָרבן.

וועגן זיין לעבן און שאַפן האָט נאָך זיין טויט געשריבן וו. וויעוויאָרקע אין פּאַריזער „היינט".

אַרויסגענומען אין אַ געקירצטער פאָרעם פון בוך „אונדזערע פאַרפייניקטע קינסטלער", פון הערש פענסטער, פּאַריז 1951.

## גראָסגליק שלמה (1861)

געבוירן אין וואַרשע. זיינע ערשטע זאַכן זיך געדרוקט אין „העברי", „המליץ", „הצפירה", זיך אויך באַטייליקט אין פּוילישע צייטשריפטן, יאָרן לאַנג געאַרבעט אין דער יידישער גמינע אין וואַרשע, געשטאַנען נאָענט צו די אַסימילאַטאָרן. אונטער דער ווירקונג פון י. ל. פּרץ, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געאַרבעט אין דער גמינע, פלעגט ער פון צייט צו צייט אויך שרייבן יידיש, האָט איבערגעזעצט וו. אָקאָנסקיס „חוה רובין", אויך קלעמענס יונאָשאַס „דער דאָרפסשניידער".

## גלאַטשטיין הלל (הילאַרי)

מיטאַרבעטער אין דעם ערשטן פּויליש־יידישן אָרגאַן Jutrzenka. ארויסגעבער פון דער צייטשריפט אין יידיש „וואַרשויער יודישע צייטונג", וואָס האָט עקסיסטירט אין יאָר 1867.

## גאָלדבערג אברהם

געבוירן אין בריסק־דליטא. אָנגעהויבן זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט מיט אַרטיקלען אין „חצפירה" און „המליץ" אין וואַרשע, רעדאַקטירט די קאָפּיקע־צייטונגען „מאָרגנבלאַט" און „לעצטע פּאָסט", געווען מיטאַרבעטער און צייטנווייז אויך רעדאַקטאָר פון „היינט", געווען וואַרשעווער קאָרעספּאָנדענט פון ניו־יאָרקער „טאָג" און לאָנדאָנער „צייט", איבערגעזעצט אויף יידיש אָסיפּ דימאָווס דראַמע „שמע ישראל" און פּ. לאַסאַלס בראָשור „וואָס איז אַזוינס די קאָנסטיטוציע?" געשטאָרבן אין וואַרשע אין 1932.

## גילבערט שלמה (1885—1943)

געבוירן אין ראַדזימין, וואַרשעווער געגנט. זינט 1907 פאַרעפנטלעכט סקיצן און נאָוועלעס אין פאַרשידענע וואַרשעווער צייטשריפטן: „ראָמאַן־צייטונג", „היינט", „אונדזער לעבן", „דער פריינד" א"אַ. עטלעכע יאָר געווען דערוויילטערט פון דער ליטעראַטור. שפּעטער באַנייט זיין ליטעראַרישע טעטיקייט, אָנגעשריבן אַ דראַמאַטישע פּאָעמע אין 3 אַקטן „משיחס טריט" (פ"ג קולטור־ליגע, וואַרשע 1924) אין בוכפאָרעם, אַ באַנד „נאָוועלן" (ארויסגעגעבן דורכן ליטעראַטור־פאָנד ביים פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין וואַרשע, 1922). ער האָט געלעבט די גאַנצע צייט אין וואַרשע און אויך אין אָטוואָצק. אין 1943 איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן זיין טויט.

## גראַפּמאַן א. (1891)

געבוירן אין יאַדאָוו, וואַרשעווער געגנט, געענדיקט אַ מיטלשול אין וואַרשע. ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין 1910 מיט לידער און סקיצן אין יידישע צייטונגען אין וואַרשע. זינט 1912 שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „מאָמענט". ארויסגעגעבן זמ"ב „פריהלינג", „גאָלדענע שטראַהלען", „אין שווערע צייטן", 1921—1922 רעדאַקטירט אַן אומפּאַרטייאיש פאָלקיסטיש וואָכנבלאַט „די אידישע טריבונע". זינט דעצעמבער 1924 רעדאַקטאָר פון דער „אילוסטרירטער וואָך" — אַ פּאָפּולערער זשורנאַל מיט אַ טיראַזש פון אַ פּאָר צענדליק טויזנט. אין בוכפאָרעם אַ זאַמלונג לידער „זאַנגען", וואַרשע 1921. נאָך 1939 פאַרשוווּנדן.

## דינעזאָן יעקב (1856—1919)

געבוירן אין קאָוונער געגנט אין אַ יחוסדיקער פאַמיליע. באַקומען אַ טראַדיציאָנעל יידישע דערציונג, ביז 16 יאָר געלערנט אין דער ישיבה אין מאָהילעוו, דערנאָך געלערנט פאַר זיך אין בית־מדרש. אין יונגער צייט זיך באַקאַנט מיט דער השכלה־ליטעראַטור און אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן בריוו און אַרטיקלען אין „המגיד", „המליץ". שוין דעמאָלט געווען אַן אָנהענגער פון דער יידישער שפּראַך אַלס מיטל אויפצוקלערן די יידישע פאָלקסמאַסן. האָט אָנגעשריבן דעם ערשטן גרויסן ראָמאַן „בעין אבות", איז אָבער נישט געדרוקט געוואָרן איבער דער צענזור. באַלד אָנגעשריבן זיין צווייטן ראָמאַן „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק", ווילנע 1877, וואָס איז דורך אַ קורצער צייט פאַרקויפט געוואָרן אין איבער 10.000 עקזעמפּליאַרן און שפּעטער אָפט איבערגעדרוקט געוואָרן אין די טויזנטער. אין יענער צייַט האָט ער איבערגעלעבט אַ שווערע טראַגעדיע, אַן אומגליקלעכע ליבע צו זיינס אַ שילערין הורוויץ. דער דאָזיקער ערשטער און לעצטער ליבע איז ער טריי געבליבן און קיין מאָל נישט חתונה געהאַט. אַ געוויסע צייַט געווען צוריקגעצויגן פון דער ליטעראַטור. סוף 1885 זיך באַזעצט אין ווארשע און הייבט ווידער אָן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט, און שרייַבט אָן זיין ראָמאַן „אבן נגף אָדער אַ שטיין אין וועג", ווילנע 1890, זיין דריטער גרויסער ראָמאַן „הערשעלע" ווערט געדרוקט אין ווארשע 1891. מיט אַ פּאָר יאָר פריִער 1887 באַקאַנט ער זיך מיט י. ל. פּרץ, און די דאָזיקע באַקאַנטשאַפט איז באַלד אַריבער אין אַן אינטימער פריינדשאַפט, וואָס האָט אויסגעפילט זיין גאַנץ לעבן. אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט זיין קינדער־דערציילונג „יאָסעלע" ווארשע 1899.

זייַן צימערל, ווו ער האָט אָפּגעלעבט יאָרן לאַנג, איז געווען אַ ליטעראַרישער צענטער. נאָך פּרצעס טויט האָט ער זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט וואָס פּרץ האָט אָנגעהויבן, מיט די יידישע קינדערהיימען און שולן. ער האָט איבערגעלאָזט אַ גאַנצע ריי ווערק וואָס זענען נאָך ביז היינט נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

---

## דאַווידזאָן נח (1877—1928)

געבוירן אין ווארשע, עלטסטער זון פון דעם באַוווּסטן כלל־טוער און פרנס פון דער ווארשעווער קהילה, ר' לייבוש דאַווידזאָן, אוראייניקל פון ווארשעווער אייבער־רב, ר' חיים דאַווידזאָן. צוגעשטאַנען צו דער ציוניסטישער באַוועגונג אַלס סטודענט פון ווארשעווער אוניווערסיטעט, רעדאַקטאָר פון דער ערשטער ציוניסטישער צייטשריפט אין פּויליש Glos Zydowski, סעקרעטאַר פון 7טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַאַג, מיטאַרבעטער אין רוסישע צייטונגען, אויך אין „פריינד", „מאָמענט", „היינט". געווען אויך אין איין פּעריאָד פּאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ווארשע. אין בוכפאָרם: „די יידישע גמינע אין ווארשע", 1912.

---

## הירשהאָרן שמואל (1876)

געבוירן אין סלאָנים. צו 13 יאָר זיך באַזעצט אין ווארשע, און געענדיקט אַ האַנדלסשול. אָנגעהויבן זייַן ליטעראַרישע טעטיקייט אין די פּוילישע פּראָגרעסיווע זשורנאַלן. 1903 אַרויסגעגעבן אַ בראָשור אין פּויליש וועגן ציוניזם, 1906 הויפּט־מיטאַרבעטער פון „מאַריאַ" (אין פּויליש), אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט נ. שוואַלבע אַ וואָכנבלאַט „אָפּיניאַ זשידאָווסקאַ", שפּעטער אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין דער יידישער פּרעסע, צו ערשט אין ווארשעווער „טאָגעבלאַט" און שפּעטער אין „מאָמענט". געווען איינער פון די גרינדערס פון „נאַש דזשיענניק", „נאַש פּשעגלאָנד". אין 1921 אַרויסגעגעבן אין פ"ג לעווין־עפּשטיין „אַנטאָלאָגיאַ פּאָעזי זשידאָווסקעי", געווען מיטגרינדער פון דער יידישער פאָלקספּאַרטיי, אין 1916 אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט אין סיים און אין ווארשעווער שטאָטראַט. אומגעבראַכט פון די נאַצים אין 1943 אין ווארשעווער געטאָ.

---

## הורוויץ דוויד הלוי (1858)

געבוירן אין קיעווער גובערניע. פון 1894 אין ווארשע. פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אין „הצפירה", „המליץ" און אין „ספּעקטאַרס „הויז־פריינד", אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרם: „כורת דבש או מאה שו"ת בחכמות הטבע" ווארשע 1889, „ספר המילים זשאַרגאָני־עברי" יידישער לשון־קודשער ווערטער־בוך, ווארשע 1893.

---

## וועבער מיכל (1859—1907)

געבוירן אין וואַרקע, ווארשעווער געגנט. 1883 געקומען קיין ווארשע, געווען אַ לערער אין אַ גמינעשול, פון 1886 שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „הצפירה", פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען אויך געשריבן אין „האסיף" אנד'. אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע ריי ביכער אין העברעיש און אין יידיש. נאַטור־וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען געדרוקט אין יידיש אין „הויז־פריינד", „יוד", „יידישע פאַמיליע" א"אנד.

---

## ד"ר זילבערפאַרב משה (1934)

געבוירן אין ראָוונע, וואָלין. ביז 14 יאָר געלערנט ש"ס און פּוסקים. 1896 אוועק אין זשיטאָמיר, געענדיקט גימנאַזיע, שטודירט בכמיע אין קיעווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט און מעדיצין אין בערלינער אוניווערסיטעט, צום סוף דעם יורידישן פאַקולטעט אין קיעוו, באַקומען דעם דאָקטאָר־טיטל אין בערנער אוניווערסיטעט. 1903 געגרינדעט די גרופּע „וואָזראָזשדעניע". 1906 האָט זיך די גרופּע פאַרוואַנדלט אין דער יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (סיימיסטן, ס"סאָוועס), מיטבאַטייליקט זיך אין די פּאַרטיי־אויסגאַבעס, 1907 אַרעסטירט אין פּעטערבורג, 1908 געווען אַרעסטירט אין וויטעבסק, און פאַרשיקט אויף 3 יאָר, געווען מיניסטער פאַר „יידישע נאַציאָנאַלע ענינים" אין פּעטלוראַס רעגירונג, אין 1918 דעמיסיאָנירט פון מיניסטער־פּאָסטן. 1919 אוועק פון דער ס"סישער פּאַרטיי. געווען אין זעלבן יאָר דירעקטאָר פון יידישן פאָלקס־אוניווערסיטעט אין קיעוו. 1921 געקומען קיין ווארשע, געווען פּאָרזיצער פון צ"ק. פאַר פוילן פון „אָרט", אויך אַ געוויסע צייַט פון יידישן ליטעראַטן פאַראיין אין ווארשע, און פון פּאַרלאַג „קולטור־ליגע". געווען אויך טעטיק אין דער שול־אָרגאַניזאַציע „ציש"אָ". זייַן ליטעראַרישער און פּאַרטייִשער פּסעוודאָנים איז געווען באַזין. געשטאָרבן אין ווארשע אין 1934.

---

## א. ליטוואַק - חיים העלפאַנד

(1932—1874)

ווּעמענס ריכטיקער נאָמען איז געווען חיים יעקב העלפאַנד, איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע אין 1874, ווּו ר'האָט באַקומען אַ רעליגיעזע דערציִונג אין חדרים און ישיבות. צו די 18 יאָר ווערט ער אַ ייִדישער לערער אויף די דערפער, אָבער אין 1893 קערט ער זיך אום קיין ווילנע, ווּו ער טרעט אין גיכן אַרײַן אין קרײַז פון די ייִדישע סאָציאַליסטן און הייבט אויך אָן ווערן טעטיק ליטעראַריש. ער שיקט זײַנע זאַכן פּרצן פאַר די „יום טוב־בלעטלעך“, און ווען אויף פּינסקים איניציאַטיוו ווערט געגרינדעט דער „זשאַרגאָנישער קאָמיטעט“ מיטן ציל אַרויסצוגעבן און פאַרשפּרייטן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור פאַר ייִדישע אַרבעטער, גיט טאַקע דער דאָזיקער קאָמיטעט אַרויס ליטוואַקס „ווינטער־אָוונטן“ אונטערן פּסעוודאָנים „חיה זעלדעס“. די דאָזיקע פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע שמועסן האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג, און דער פאַרלאַג „פּראָגרעס“ האָט זיי 6 מאָל איבערגעדרוקט. דער דאָזיקער גרויסער נאָכפרעג איז געווען צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט וואָס ביז דער ערשטער מלחמה איז דאָס פּאָפּולערע לערנביכל באַנוצט געוואָרן אין די אָוונטשולן פאַר אַרבעטער. דעם צווייטן טייל פון די „ווינטער־אָוונטן“ האָט ליטוואַק אָנגעשריבן אין דער ווילנער טורמע פאַר פּאָליטישע, ווּו ר'איז געזעסן פון יוני 1896 ביז מײַ 1897 און דערנאָך ווערט ער אַרויסגעשיקט אַדמיניסטראַטיוו קיין קאַטערינאָסלאַוו. אין פעברואַר 1902 — נאָך דעם ווי ער איז שוין 6 מאָל געזעסן אין תפיסה, און אויף דער פרײַ כסדר געווען אונטער פּאָליציייִשע אויפזיכט — ווערט ער ענדלעך פאַרשיקט קיין סיביר, פון וואַנען ער קערט זיך אום ערשט סוף 1904. איצט איז ער טעטיק אין דווינסקער צ"ק פון בונד און רעדאַגירט צוזאַמען מיט אַלגינען „די אַרבעטער־שטימע“. אין 1905 טרעפן מיר אים שוין אין וואַרשע, ווּו ער רעדאַגירט אין יענע פרײַהייטטעג 8 נומערן פון דעם לעגאַלן „וואַרשעווער אַרבעטער“ און דערנאָך 4 נומערן פון דעם אומלעגאַלן „דער גלאָק“. שפּעטער באַטייליקט ער זיך אין ווילנער „וועקער“ און אין דער „פאָלקס־צײַטונג“. אין יאָר 1909, ווען ש. ראָזנפעלד פאָרט אָפּ קיין נאָרד־אַמעריקע, פאַרנעמט ליטוואַק זײַן אָרט אין פּעטערבורג אַלס רעדאַקטאָר פון „פרײַנד“. אין 1910 איז ער שוין צוריק אין וואַרשע און שרײַבט פאַרן זעלבן „פרײַנד“ פּובליציסטישע און ליטעראַרישע אַרטיקלען. צוליב פּאָליטישע סיבות מוז ער פאַרלאָזן וואַרשע און וווינט שוין איצט אין מערב־אייראָפּע ביז ער פאָרט אָפּ אין יאָר 1915 קיין נאָרד־אַמעריקע. דאָרט רעדאַגירט ער דעם אָרגאַן „די נײַע וועלט“ פון דער „ייִדישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אין אַמעריקע“ און צוזאַמען מיט י. ב. סאַלוצקין רעדאַקטירט ער דאָס אילוסטרירטע זאַמלבוך „דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד“, אַרויסגעגעבן פון „צענטראַל־פאַרבאַנד בונד“ אין יאָר 1917.

נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע קערט זיך ליטוואַק אום קיין רוסלאַנד, ווּו ער ווערט אויסגעוויילט אין צ"ק פון בונד. ער ווערט אויך ראַטמאַן פון דער מינסקער קהילה און צוזאַמען מיט אסתרן רעדאַקטירט ער דעם „וועקער“. נאָך דעם ווי די דײַטשן אָקופּירן מינסק, טראָגט ער זיך איבער קיין אוקראַיִנע און ווערט אויסגעוויילט אין קיִעוו אַלס דעפּוטאַט פון דער „צײַטווײַליקער נאַצ' ייִדישער פאַרזאַמלונג“.

ליטוואַק איז טעטיק אין דער ייִדישער קולטור־באַוועגונג, פאַרפאַסט דעם מאַניפעסט פון דער קולטור־ליגע אין אוקראַיִנע, רעדאַקטירט איר ביולעטין אין יאָר 1918 און איז אויך מיטגליד פון דער רעדאַקציאָנעלער קאָלעגיע פאַר דער געפּלאַנטער ייִדישער ענציקלאָפּעדיע. אין 1919 איז ער פאַרוואַלטער פון דער ייִדישער סעקציע פון ליטעראַריש־פאַרלעגערישן ביוראָ „ליטקאָם“ (אוקראַיִנישער ליטעראַרישער קאָמיטעט) און מיטרעדאַקטאָר פון חודש־זשורנאַל „באַגינען“, ווי אויך פון דעם „רויטן פּנקס“ (זאַמלבוך צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און סאָציאַליסטישע שטרעמונגען בײַ ייִדן, קיִעוו 1920). ער רעדאַקטירט אויך די קיִעווער צײַטשריפט „די האָפענונג“ (מאַרץ 1920) און קורץ נאָך דעם פאַרלאָזט ער רוסלאַנד.

זינט דער שפּאַלטונג פון בונד, ווען ליטוואַק האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון עקסטרעם רעכטן פליגל, האָט ער זיך כמעט בלויז אָפּגעגעבן מיט ליטעראַרישער טעטיקייט און דאָס האָט ער אויך געטאָן נאָכן אומקערן זיך קיין פּוילן. אין ווילנע רעדאַגירט ער דאָס בונדישע וואָכנבלאַט „אונדזער געדאַנק“ און אין וואַרשע איז ער מיטרעדאַקטאָר פון דער „ביכער־וועלט“ און פון חודש־זשורנאַל „קולטור“ (אַרויסגעגעבן דורך דער „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922). ליטוואַק רעדאַגירט אויך דאָס צווייטע זאַמלבוך „דער רויטער פּנקס“ (דערשינען אין 1924) און אין 1925 שרײַבט ער אויך אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־צײַטונג“, אָבער בלויז אויף ליטעראַרישע טעמעס. ליטוואַק ווערט אין וואַרשע און אויך אוי דער פּראָווינץ איינער פון די פּאָפּולערסטע ייִדישע לעקטאָרן אויף די פאַרשידנסטע

נאָך אין 1925 פאָרט ער אָפּ קיין נאָרד־אַמעריקע, ווּו ער אַרבעט מיט אין דעם אָרגאַן פון „ייִדישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד“, „דער וועקער“ און גלײַכצײַטיק פאָרט ער אַרום איבער אַלע שטעט פון לאַנד, ווּו ער גיט רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע און פּאָליטישע טעמעס.

אין 1926 האָט דער קלעצקין־פאַרלאַג אַרויסגעגעבן ליטוואַקס בוך „וואָס געווען“. „עטיודן און זכרונות. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1932.

## לעוו יצחק (1891)

געבוירן אין וואַרשע אַלס זון פון אַ משכיל, אַ העברעיִשן לערער. געלערנט אין אַ חדר מתוקן, אין דער וואַרשעווער האַנדלסשול און אַ געוויסע צײַט געווען אַ פרײַער צוהערער אין ווינער אוניווערסיטעט. זשורנאַליסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן 1914 אין דעם ערשטן לעגאַלן ייִדישן אָרגאַן „דער האַנדלס־אָנגעשטעלטער“, אין פּעטערבורגער „דאָס פרײַע וואָרט“ 1914, ווי אויך אין דעם טאָגבלאַט „דאָס לעבן“ (געוו' „פרײַנד“), אין דער אָפּטיילונג פאַר פּוילן. אַלס איינער פון די אָנגעזעענסטע פירערס פון די לינקע פּ"צ אין פּוילן, זיך באַטייליקט אין אַלע זייערע אָרגאַנען פאַר די לעצטע יאָרן, געווען רעדאַקציאָנעלער מיטאַרבעטער פון „דער אַרבעטער־צײַטונג“, רעדאַקטירט דעם „אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו־ביולעטין“ 1921, „די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג“ 1919—1920 און „די פּראָלעטאַרישע קאָאָפּעראַציע“ 1923. געשריבן א"פ אויף פּאָליטישע טעמעס און איבער ענינים פון פּראָפעסיאָנעלער און קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. בײַם אויסבראָך פון דער צווייטער מלחמה געלאָפן פון פּוילן צו גלײַך מיט אַלע, געוואַנדערט דורך פאַרשידענע וועגן, ביז ער איז אָנגעקומען קיין ישראל, ווּו ער איז געווען טעטיק אין דער מפּם־באַוועגונג ביזן טויט. אין מאָנאַט נאָוועמבער באַזוכט בוענאָס־איירעס אַלס גאַסט פון די לינקער פּ"צ אין אַרגענטינע און אויך פון זײַן שוועסטער רחל לעוו־מאָטשידלאָווער וואָס געפינט זיך אין אַרגענטינע. געשטאָרבן אין ישראל אין 1954.

---

## ד״ר לעווין גרשון

(1939—1868)

געבוירן אין לובלין, ווּ זײַן פֿאָטער, ר׳ גבריאל זעליק איז געווען אייבערחזן אין דער גרויסער מהרשל־שיל. ביז 15 יאָר געלערנט אין חדר, דער הויפּט תנך און אויך גמרא, דאַן אין משך פון צוויי יאָר זיך צוגעגרייט אַלס עקסטערן צום 7טן קלאַס גימנאַזיע. נאָכן ענדיקן אין 1895 דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט, געוואָרן אַסיסטענט אין דער אינערלעכער אָפּטיילונג פון ייִדישן שפּיטאָל אין וואַרשע און זינט 1903 אָרדינאַטאָר פון שפּיטאָל. האָט מיטגעמאַכט אַלס דאָקטער די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה און די ערשטע וועלט־מלחמה. נאָך אַלס סטודענט זיך נאָענט פאַראינטערעסירט מיט דער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט דעביוטירט מיט אַ סקיצע „אַ שמועס אויף דער באַן” אין י. ל. פּרצעס „ייִדישע ביבליאָטעק” 1891, דערנאָך זיך באַטייליקט אין די איבעריקע אויסגאַבעס פּרצעס, אין „יוד”, „פריינד”, „וועג”, „טעלעגראַף”, „צײַט”, „אונדזער לעבן”, אויך אין די העברעיִשע „הצפירה” און „הצופה”. און די לעצטע יאָרן אין „הײַנט”, ווּ ער האָט פאַרעפנטלעכט ביז הונדערט דערציילונגען, נאָוועלעס און פעליעטאָנען, אויך א״פ גרשון בן גבריאל און אידעלע הארצוויטיק. אחוץ זייער פיל פּאָפּולערע מעדיציניש־היגיענישע אַרטיקלען, געשריבן אויך אַ גאַנצע רײַ מעדיצינישע אַרטיקלען אין פּויליש (צ״אַ „מציצה ווי איינע פון די סיבות וואָס רופן אַרויס טובערקולאָז און לונגנשווינדזוכט בײַ ייִדן”), רעדאַקטירט אַ היגיענישע אָפּטיילונג אין העברעיִש א״ט „כי היום היינו” (פּרעמיע צו הצפירה 1897.

אין בוכפאָרם פאַרעפנטלעכט: „שווינדזוכט” (פ״ג ב. שימין וואַרשע 1911), און פאַרלאַג „יהודיה” וואַרשע: „פּרץ — אַ ביסל זכרונות” (1919, מיט בילדער), „אין וועלט־קריג” — איינדרוקן און זכרונות פון זײַנע איבערלעבונגען ווי מיליטער־דאָקטער אין רוסלאַנד, מיזרח־גאַליציע, בוקאָווינע און רומעניע (1923 וואַרשע), „פון די אַלטע גוטע צײַטן” — אַ רייזע אויף דער כאָליערע 1925 (אַ בוך זכרונות, ווערטפול מיט דער שילדערונג פון דעם אַלטן ייִדישן לעבנס־שטייגער אין לובלין, פון דער ייִדישער סטודענטנשאַפט מיט אַ 30 צוריק אאז״וו, דורכגעדרונגען מיט אַ גוטמוטיקער איראָניע, טייל מאָל מיט סאַטירישע שילדערונגען אין נוסח פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרין), „די היגיענע בײַ ייִדן אַ מאָל און הײַנט” (1924 וואַרשע), „לונגען שווינדזוכט איז היילבאַר” (1925 וואַרשע), אין כתב־יד אַ בוך „אָבערגלויבן אין דער מעדיצין”, ווּ ער שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אויף די ייִדישע זאַבאָבאָנעס.

גענומען אַ נאָענטן אָנטייל אין קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וואַרשע, געווען ערשטער פאָרזיצער פון „הזמיר”, פאָרזיצער פון דעם יובילײ־קאָמיטעט פאַר שלום־עליכמען, פאָרזיצער פון דער „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט צווישן ייִדן”, פאָרזיצער פון דער ספּאָרט־געזעלשאַפט „בר־כוכבא”, פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט „אָפּצוהיטן דאָס געזונט בײַ דער ייִדישער באַפעלקערונג” (טאָז) און פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט „אוקסיליום אַקאַדעמיקום יודאַיקום”.

געווען אין באַזונדערס נאָענטע באַציִונגען מיט פּרצן, דינעזאָנען, ש״ע, דוויד פרישמאַן, אַנסקין א״אַנ און פאַרעפנטלעכט וועגן זיי אַרטיקלען־זכרונות (זײַנע זכרונות וועגן ש״ע 1908—1914, געדרוקט אין אַמעריקע צום 10טן יאָרצײַט פון גרויסן הומאָריסט).

ער איז געשטאָרבן אין וואַרשע אין יאָר 1939 אין סאַמע אָנהייב פון דער דײַטשער אָקופּאַציע.

---

## יעקב לידסקי

יעקב לידסקי איז געבוירן געוואָרן אין סלאָנים אין יאָר 1868, אָבער זײַנע יוגנטיאָרן, האָט ער פאַרבראַכט אין מאָסקווע, ווּ ער האָט אַרויסגעהאָלפן דעם פאָטער אין זײַן באַשעפטיקונג אַלס סופר און מוכר־ספרימניק. יעקב לידסקי האָט געלערנט אין חדר און דער נאָך אין אַ ישובה, אָבער נאָכן גירוש מאָסקווע האָט ער געפּרוּווט זיך אײַנאָרדענען אין מינסק פון וואַנען ער איז אין גיכן אָפּגעפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע. אין טשיקאַגאָ הייבט ער זיך אָן צו פאַרנעמען מיט פאַרלעגערישער אַרבעט, אָבער עס ציט אים צוריק קיין אייראָפּע. אין 1899 טרעפן מיר אים שוין אין וואַרשע, ווּ ער ווערט דער פאַרמיטלער פון די נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישע אויסגאַבעס פאַר דעם ייִדישן ביכערמאַרק אין פּוילן און רוסלאַנד.

שטייענדיק נאָענט צו די ראַדיקאַלע קרײַזן, האָט ער אויך מיטגעהאָלפן די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן צו טראַנספּאָרטירן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור פון אויסלאַנד.

אַרום 1900 גרינדעט ער דעם פאַרלאַג „פּראָגרעס”, וואָס איז געווען דער ערשטער מאָדערנער ייִדישער פאַרלאַג. אויסער פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס — אָריגינעלע און איבערגעזעצטע — האָט לידסקים פאַרלאַג אויך אַרויסגעגעבן די ווערק פון אברהם רייזען, וואָס איז געווען דער הויפּט־מיטאַרבעטער פון „פּראָגרעס” אין די ערשטע יאָרן פון זײַן עקסיסטענץ, ווי אויך פון שלום אַש און אַנדערע. דער פאַרלאַג האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט באַלד נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, ווען דער אינטערעס צו דער ייִדישער ליטעראַטור און דער נאָכפרעג אויפן ייִדישן בוך איז באַזונדער שטאַרק אויסגעוואַקסן.

אין יאָר 1911 איז געשאַפן געוואָרן דער סינדיקאַט פון די ייִדישע און העברעיִשע פאַרלעגערס אונטערן נאָמען „צענטראַל”, אין וועלכן עס האָבן זיך פאַראייניקט די פאַרלאַגן „פּראָגרעס”, „תושיה” און „השחר” און זינט דאַן איז לידסקים פאַרלעגערישע טעטיקייט געווען פאַרבונדן מיט „צענטראַל”.

בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער מלחמה, האָט לידסקי געגרינדעט דעם נײַעם פאַרלאַג „ייִדיש”, וואָס איז דאַן געווען דער טעטיקסטער פון אַלע ייִדישע פאַרלאַגן. דאָרט זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן עטלעכע צענדליק גרעסערע ווערק, איבער הויפּט איבערזעצונגען. שפּעטער האָט לידסקי צוזאַמען מיט בן־אביגדור שאַלקאָוויטש (פון פאַרלאַג „תושיה”) איבערגענומען די אַלטע פירמע ראָזענקראַנץ און שריפטזעצער אין ווילנע, און באַזוכנדיק די דאָזיקע שטאָט אין די אינטערעסן פון דער נײַער אונטערנעמונג, איז ער קראַנק געוואָרן און דאָרט געשטאָרבן דעם ערשטן יוני 1921.

---

## שמואל לעהמאן (1886)

געבוירן אין ווארשע. צו 4 יאר געבליבן א יתום, דערצויגן געוואָרן ביי א פעטער אין א חסידיש־גבירישער פאמיליע. ביז 10 יאר געלערנט אין חדר. דאן אין דער היים ביי א ליטווישן מלמד. נאך בר־מצווה אנגעקומען אלס אנגעשטעלטער אין א טיולגעשעפט. שפעטער אריבער צום מאנופאקטור־האנדל און גאר די לעצטער צייט צו דער האלצבראנזשע. אין דער צייט פון דער באוועגונג אריינגע־צויגן אין דער ארבעט אויפן פראפעסיאנעל־פאליטישן געביט. געווען איינער פון די גרינדער פון „גראסער־קלוב" אין ווארשע און פון דער גרויסער יידישער ארבעטער־ביבליאטעק.

זינט 1902 זיך פאראינטערעסירט מיטן יידישן פאלקלאר, אנגע־הויבן צו פארשרייבן ווערטלעך, שפריכווערטלעך, לידער פון הייפ־זינגער־בעטלער. 1910 באזוכט איבער 50 שטעט און שטעטלעך, זאמלענדיק די פראדוקטן פון דער יידישער פאלקסשאפונג. געקומען אין בארירונג מיט די ברייטסטע פאלקסמאסן ביז די נידעריקסטע שיכטן, נישט אפשטעלנדיק זיך פאר קיין שום מניעות אין דער שווערער ארבעט ארויסצובאקומען פון דעם פאלקסמענטש די פאלק־לאריסטישע אוצרות. פון זיינע זאמלונגען ביז אהער פארעפנטלעכט: „ווערטער, שפריכווערטער, וועגן שטעט און שטעטלעך, וואריאנטן פון פורים־קידוש", באלאדן, ארבעט און פרייהייט — א זאמלונג לידער וואס זענען אנטשטאנען אין פאלק בשעת דער פרייהייטס־באוועגונג אין צארישן רוסלאנד. פון דער אייראפעישער מלחמה „איינדרוקן, ווערטלעך, אנעקדאטן, לעגענדעס און מעשיות פון דער לעצטער מלחמה, גנבים און גנבישע לידער. „די קינדער־וועלט" ציילעניש און שפילן מיט די נאטן, „טריפהנע סחורה" וואריאנטן פון א פורים־שפיל מיט די נאטן, ליבע־לידער פון גנבים.

א טייל פון זיינע זאמלונגען געפינען זיך אין „פנקס ווארשע", צווישן פאלקלאר.

געשטארבן אין ווארשעווער געטא אין 1940.

---

## מילך יעקב

געבוירן געוואָרן אין ווארשע אין יאר 1866 און האט זיך אויפגעצויגן אין א פרומער מתנגדישער משפחה. ביז 11 יאר האט ער געלערנט אין חדר גמרא און פוסקים און געשמט פאר אן עילוי. דערנאך איז ער אבער געוואָרן א ווארקער חסיד און געלערנט קבלה און חסידות. צו 12 יאר שטארבט זיין פאטער און די אלמנה מוז אים אפגעבן צו א בעל־מלאכה, ביי וועלכן ער לערנט זיך אלס שני־צער. צו 15 יאר פאלט ער ארונטער אונטער דער השפעה פון דער השכלה א דאנק דעם באקאנטן ווארשעווער משכיל שמואל גרוי־קאפ און ער נעמט זיך דאן צו דער העברעישער ליטעראטור. אין יאר 1891 פארט ער אפ קיין ניו־יארק, ווו ער ווערט א שניצער־אר־בעטער און אין עטלעכע יאר ארום ווערט ער א שאקאלאד־פאברי־יאר 1891 פארט ער אפ קיין ניו־יארק, ווו ער ווערט א שניצער־אר־אלס סעקרעטאר פון די „פאראייניקטע יידישע געווערקשאפטן", וואס ארגאניזירן דאן צוליבן גרויסן קריזיס אין אמעריקע דעם „רעליעף־קאמיטעט פאר יידישע ארבעטער".

זיין ליטעראַרישע טעטיקייט הייבט מילך אן אין 1891 מיט א סאטירע אויף די אנארכיסטן, וואס ר'האט פארעפנטלעכט אין דער „ארבעטער־צייטונג" אונטערן נאמען: „גוואלד, לאזט מאכן די רע־וואלוציע!" אין דער זעלבער צייטונג פארעפנטלעכט ער וועכנטלעכע ארטיקלען איבער צייטפראגעס און פעליעטאנען אונטערן אלגעמיי־נעם טיטל „געדאנקען פון א פראסטאק". אונטערן פסעוודאנים בן־פלטיאל פאפולאריזירט ער די ווערט־טעאריע פון קארל מארקס. ער באטייליקט זיך אויך אין „פארווערטס" און איבער הויפט אין דער צייטשריפט „די צוקונפט", פון וועלכער ער איז געווען א לאנגע צייט הויפט־מיטארבעטער און פון 1907 אן אויך רעדאקטאר. אין דאזיקן זשורנאל פארעפנטלעכט ער אפהאנדלונגען וועגן מארקסיזם, טעריטאריאליזם און אויך קריטישע ארטיקלען וועגן שרייבער.

י. מילך איז אויך מיטארבעטער אין אויסגאבעס פון רוסלאנד און פוילן, ווי אין ארגאן פון די פפ"ס „די פראלעטארישע וועלט", ווי אויך אין „די יידישע וועלט" און גלייכצייטיק פארעפנטלעכט ער אויך ארבעטן אין ענגליש. ער מאכט וויכטיקע איבערזעצונגען ווי פרץ סמאלענסקים „קבורת חמור", וואס אין יידיש הייסט עס ביי אים „באגראבן ביים פארקן" (יאר 1891), גערהארד הויפטמאנס דראמע „די וועבער" (ווארשע 1906) און אנדערע. אלס פלטיאל פארעפנטלעכט ער די ארבעטן: „אמעריקע — דער יידישער צענ־טער פון דער וועלט", „רעליגיע, ציוניזם און יידישיזם", „די בא־וועגונגען פון יידישן פראלעטאריאט", „רעאקציאנערע שטרעמונ־גען אין יידישן לעבן" — א ביישטייערונג צו דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור אין אמעריקע", „אימיגראציע־פראבלעמען", „פעלקערקאמף, יידנקאמף און קלאסנקאמף", א זאמלונג „פון וואַ־נען שטאמט רעליגיע?" און אנדערע עסייען („קארל מארקס", „סאַ־ציאליזם", „מאטעריאליסטישע ליטעראטור־קריטיק", „סאנין און פרייע ליבע") און האט אויך ארויסגעגעבן א בראשור אונטערן נאַ־מען „סאציאליזם, מלחמה און נאציאנאליזם".

אין בוכפארם זענען אויך דערשינען זיינע „יידישע פראבלע־מען", אן איבערזעצונג פון „פלאטאנס דיאלאגן", זיינע זכרונות וועגן דער אנטשטייונג פון „פארווערטס" און א מארקסיסטישע אפ־האנדלונג וועגן ביראבידזשאן.

י. מילך, דער פיאנער פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין נארד־אמעריקע און איינער פון די באדייטנדיקסטע ווארטזא־גערס פון דער דארטיקער יידישער ארבעטער־פרעסע, איז אויך דער פיאנער פון דער יידישער ליטעראטור אין אמעריקע. אין זיין אל־זייטיקער שאפונג, וואס איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין דער חודש־לעכער „צוקונפט", אין דער וועכנטלעכער „ארבעטער־צייטונג" און אין טעגלעכן „אבענד־בלאט", האט ער אויך געשריבן אפהאנדלונ־גען וועגן יידישע שרייבערס און צווישן דעם א גרעסערע ארבעט וועגן י. ל. פרצן, ווען ער שטעלט העכער פון מענדעלען און שלום־עליכמען.

אין די שפעטערדיקע יארן האט יעקב מילך זיך אפגעגעבן מיט היסטאריש־מאטעריאליסטישע פארשונגען פון דער יידישער געשיכטע און ר'האט אויך רעווידירט יהואשס תנך־איבערזעצונג, ווו ער האט געפונען א סך פעלערן און זיי קארעגירט, פון וואס „ס'האט געקריגן דעם אויסזען פון א נייער תנך־איבערזעצונג" (קלמן מרמר).

שוין אויף דער עלטער האט ער מיטגעארבעט אין „איקאר", אין „איקוף" און אין דער „מארגן־פרייהייט". ער האט זיך באטיי־ליקט אויף די זיצונגען פון איקוף־פרעזידיום און פון דער רעדאק־ציע־קאלעגיע פון זשורנאל „יידישע קולטור". ער האט געהאלטן לעקציעס פאר איקאר־ארגאניזאציעס, איקוף־קלובן, צווייגן פון יידישן פראטערנאלן פאלקס־ארדן, אינעם יידישן לערן־אינסטיטוט (געוועזענעם יידישן ארבעטער־אוניווערסיטעט) און אנדערע.

זײַנע אינטערעסאַנטע „אויטאָביאָגראַפישע סקיצן" האָט ער פאַרעפנטלעכט אין דער „מאָרגן־פרייהייט". אַ באַזונדערן ווערט האָבן זײַנע זכרונות פון די בויערס און שאַפערס פון דער אַמעריקאַנער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, פון דער ייִדישער קולטור און פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

יעקב מילך איז געווען אַקטיוו און שעפעריש ביז זיין טויט, וואָס איז געשען דעם 18טן אויגוסט 1945.

---

## וולאַדימיר מעדעם

(1923—1879)

וולאַדימיר מעדעם איז באַלד נאָך זיין געבורט אין ליבאַווע, אָפּגעשמדט געוואָרן דורך זײַן פאָטער, וואָס איז געווען אַ מיליטערישער דאָקטאָר אין מינסק און איז אַליין ווייטער געבליבן אַ ייִד ביז עטלעכע חדשים פאַרן טויט, ווען ר׳האָט אָנגענומען דעם פּראָטעסטאַנטיזם. דער זון איז אָבער אויפגעצויגן געוואָרן אַלס פּראַוואָסלאַווגער און איז אפילו אַלס ייִנגל געווען שטאַרק פרום. ווי מעדעם האָט געענדיקט די גימנאַזיע אין מינסק און דערנאָך איז ער אַריינגעטרעטען אין קיִעווער אוניווערסיטעט אויף מעדיצין, אָבער אַ יאָר שפּעטער וואַרפט ער זיך איבער אויפן יורידישן פאַקולטעט. אַלס סטודענט באַקענט ער זיך מיט דער סאָציאַליסטישער לערע און הייבט אָן שטודירן פּאָליטישע עקאָנאָמיע. מעדעם באַטייליקט זיך אין ערשטן פּאָליטישן שטרײַק פון די רוסישע סטודענטן אין יאָר 1899, צוליב וואָס ער ווערט אויסגעשלאָסן פון אוניווערסיטעט, זיצט עטלעכע וואָכן אין קיִעווער טורמע און ווערט דערנאָך אַרויסגעשיקט קיין מינסק. דאָ דערנענטערט ער זיך צו דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און אין 1900 טרעט ער אַרײַן אין דער מינסקער בונד־אָרגאַניזאַציע.

אונטערן נאָמען מאַרק און וויניצקי פירט ער אָן סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדישע און קריסטלעכע אַרבעטער. זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט הייבט ער אָן מיטן אָנשרײַבן אַ פּראָקלאַמאַציע צום 1טן מײַ 1900 פאַר די קריסטלעכע אַרבעטער און דערנאָך שרײַבט ער שוין אַרטיקלען פאַר „דעם וועקער" — אָרגאַן פון דעם „בערשטער־בונד" און אויך פאַר „דעם מינסקער אַרבעטער". מעדעם לערנט פלײַסיק ייִדיש און ווערט אַלץ היימישער אין דער ייִדישער סביבה. אין יאָר 1901 ווערט מעדעם אַרעסטירט אין מינסק און דאַן האָט ער זיך שוין פאַרשריבן אַלס ייִד. עטלעכע חדשים זיצט ער אין מאָסקווער טורמע און דערנאָך ווערט ער פאַרשיקט קיין מזרח־סיביר אויף 5 יאָר. ס׳געלונגט אים אָבער צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד און ער באַזעצט זיך אין בערן, וווּ ער פאַרשרײַבט זיך אויפן פילאָסאָפישן פאַקולטעט. ער שליסט זיך דאָרט אָן אין דער בונדישער גרופּע און ווערט פּאָפּולער אַלס אַ גוטער רעדנער אויף פאַרזאַמלונגען. אין יאָר 1903 ווערט מעדעם באַשטימט אַלס מיטגליד פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד און באַזעצט זיך צוליב דעם אין גענף. דאָרט פאַרעפנטלעכט ער אין „וויעסטניק בונדאַ" — אָרגאַן פון בונד אין רוסיש — 2 אַרטיקלען וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס דערשײַנט דערנאָך אויך אין ייִדיש אין אַ בראָשור פאָרעם אונטערן נאָמען: „די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די נאַציאָנאַלע פראַגע" (1906), וווּ עס ווערט פאָרמולירט דער בונדישער „נייטראַליזם", וואָס איז דאַן באַטראַכט געוואָרן ווי דער אני־מאמין פון בונד אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער רסדא״פּ, וואָס איז פאָרגעקומען אין בריסל — לאָנדאָן אין די חדשים יולי־אויגוסט פון 1903, האָט זיך אויך באַטייליקט אַלס דעלעגאַט וולאַדימיר מעדעם. ס׳איז דאַן געשטאַנען די פראַגע וועגן די באַציִונגען צווישן בונד און דער רוסלענדישער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן בונדס אַרויסטריט פון דער רסדא״פּ.

אין נאָוועמבער 1905 קערט זיך מעדעם אום קיין רוסלאַנד און ווערט אין ווילנע מיטרעדאַקטאָר פון בונדישן אָרגאַן אין רוסיש „נאַשע סלאָוואָ". ער ווערט אויך אויסגעוויילט אין צ״ק פון דער פּאַרטיי און באַטייליקט זיך אין אַ ריי צוזאַמענפאָרן אין אויסלאַנד, ווי אויך אין קאָנגרעס פון דער רוסישער אַרבעטס־פּאַרטיי („טרודאָוויקעס"). דערנאָך אַרבעט מעדעם מיט אין דער „פאָלקס־צײַטונג" אין ווילנע און, ווען זי פאַרמאַכט זיך, ווערט ער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דעם „מאָרגנשטערן". דערנאָך פאָרט ער קיין פּעטערבורג, וווּ ער אַרבעט אַלס טעכנישער רעדאַקטאָר בײַ דער אויסגאַבע פון רוסישן זאַמלבוך „די פאָרמען פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג", פאַר וועלכן ער האָט אָנגעשריבן דעם אַרטיקל וועגן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד. ער באַטייליקט זיך אויך אַלס רעדנער אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער צווייטער דומע און קורץ נאָך דעם פאַרלאָזט ער רוסלאַנד.

ווידער איז ער אין גענף, וווּ ער לעבט פון ליטעראַרישער אַרבעט, וואָס ער שיקט צו די זשורנאַלן: „יעווריעיסקאָיע אָבאָזריעניע", „וויעסטניק יעווראָפּי" און שרײַבט אויך אין „פרייַנד". נאָך 1912 באַזעצט ער זיך אין ווין, וווּ ר׳איז קאָרעספּאָנדענט פון רוסישע צײַטונגען און רעדאַקטירט אויך, צוזאַמען מיט גראָסער, אַבראַמאָוויטש און ליטוואַק (שפּעטער אויך אַלגין) דאָס וואָכנבלאַט „די לעבנס־פראַגן", וואָס האָט זיך געדרוקט אין וואַרשע. די ערשטע צוויי נומערן פון דער צײַטונג זענען אָבער געוואָרן קאָנפיסקירט און מ׳האָט פון דאָזיקן מאַטעריאַל געמאַכט אַ זאַמלבוך „לעבנס־פראַגן" און די צײַטונג גופא האָט מען איבערגעטראָגן קיין פּעטערבורג, וווּ די צענזור איז געווען אַ שוואַכערע. פאַרן צווייטן נומער „לעבנס־פראַגן" האָט מעדעם אָנגעשריבן זיין ערשטן אַרטיקל אין ייִדיש, כאָטש נאָך מיט לאַטיינישע אותיות.

ווען מעדעם קערט זיך אום פון אויסלאַנד אין יאָר 1913 ווערט ער אַרעסטירט און אײַנגעזעצט אין 10טן פּאַוויליאָן פון וואַרשע. נאָך 25 חדשים זיצן ווערט ער באַפרײַט ווען די רוסן עוואַקויִרן די פּוילישע הויפּטשטאָט. אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע איז מעדעם דער פירער פון בונד אין פּוילן און אויך רעדאַקטאָר פון אָרגאַן „די לעבנס־פראַגן". ער גיט זיך אויך אַ סך אָפּ מיט דער ייִדישער שול־באַוועגונג און בכלל מיט ייִדישער קולטור־אַרבעט. ווען אין פּוילישן „בונד" האָבן זיך געשטאַרקט די לינקע שטימונגען, איז מעדעם צוליב זיין קעגנערשאַפט צו דער סאָוועטישער מאַכט אַוועק פון דער פירערשאַפט און אין גיכן אָפּגעפאָרן קיין נ׳ אַמעריקע (1921). אין ניו־יאָרק האָט ער מיטגעאַרבעט אין „פאָרווערטס" און אויך געשריבן פאַר דער „צוקונפט", „נײַער וועלט" און „פרייַנט".

אין בוכפאָרם זענען דערשינען זיינע: „זכרונות און אַרטיקלען" (פאַרלאַג ייִדיש", וואַרשע 1917), „פון מײַן נאָטיץ־בוך" (וואַרשע 1920) און דאָס אויטאָביאָגראַפישע ווערק „פון מיין לעבן" (אַרויסגעגעבן פון דעם וולאַדימיר מעדעם־קאָמיטעט, ניו־יאָרק 1923).

---

## ב. מיכאַלעוויטש

(1928—1876)

געבוירן אין 1876 אין בריסק. זײַן ריכטיקער נאָמען איז געווען יוסף איזביצקי. מיכאַלעוויטש האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע ייִדישע דערציִונג, אָבער צו 17 יאָר שליסט ער שוין זיך אָן צו די ייִדישע סאָציאַליסטן אין בריסק, וווּ מיר טרעפן אים אין יאָר 1897 אַלס אָנגעזעענעם פירער פון בונד. אַ יאָר שפּעטער איז ער אין ביאַליסטאָק, וווּ ס'געפינען זיך דאַן אַ סך ייִדישע פאַבריק־אַרבעטער. אין 1899 גיט ער אַרויס דעם ערשטן נומער פון דעם „ביאַליסטאָקער אַרבעטער", וועלכן ער פילט אַליין אויס. מיכאַלעוויטש לעבט דאַן אומלעגאַל און ווען ער ווערט אויפגעדעקט פון שפּיאָנען, באַהאַלט ער זיך אויס אַ צײַט אין אַ ייִדישן גוט אין ביאַלאָוויעזשער וואַלד. דערנאָך באַזעצט ער זיך אין וואַרשע, וווּ עס קומט אויף אַ פּלאַן פרצעס „יום טוב־בלעטלעך" אין דער פאָרעם פון אַ לעגאַלן זשורנאַל, וואָס זאָל פּאָפּולאַריזירן די אידעען פון סאָציאַליזם און פון דער נײַער קולטור. אין דער רעדאַקציאָנעלער קאָלעגיע פון דער געפּלאַנטער אויסגאַבע זענען אַרײַן י. ל. פּרץ, מיכאַלעוויטש, א. ווײַנשטיין, רובינשטיין, ד. המשורר, ד"ה גרשון לעווין און יעקב דינעזאָן, אָבער צוליב דעם אַרעסט פון י. ל. פּרצן איז די אונטערנעמונג דורכגעפאַלן און מיכאַלעוויטש גיט דאַן אַרויס אומלעגאַל דעם „וואַרשעווער אַרבעטער" (אין 1899). באַלד ווערט מיכאַלעוויטש אַרעסטירט און זיצט אָפּ 16 חדשים אין 10טן פּאַוויליאָן פון דער וואַרשעווער פעסטונג, אויך אין פּאַוויאַק און אין דער ראָדעמער תפיסה און צוליב קראַנקהייט ווערט ער אַרויסגעשיקט אויף 5 יאָר אונטער פּאָליצײַ־אויפזיכט קיין פּאָלטאַווע. דאָרט איז נישטאָ קיין בונד און ער טרעט אַרײַן אין דער ס"ד־אָרגאַניזאַציע „יוזשני ראַבאָטשי". באַלד פאָרט ער אָבער צוריק קיין ביאַליסטאָק, וווּ ער באַטייליקט זיך אין רעדאַקטירן דעם אומלעגאַלן אָרגאַן פון בונד „די אַרבעטער שטימע". אין 1902 קומט דאָרט פאָר אַ קאָנפערענץ פון דער רסדא"פּ, אָבער די קאָנפערענץ פאַלט דורך און צוליב די אַרעסטן מוז מיכאַלעוויטש פאַרלאָזן די שטאָט און פאָרט אָפּ אַרבעטן קיין לאָדזש. סוף 1902 באַזעצט ער זיך אין מינסק, וווּ ער אַרבעט מיט אין אָרגאַן פון בערשטער־בונד „דער וועקער" און גרינדעט אויך „דעם קעמפער" פון גאַרבער־בונד. מיכאַלעוויטש איז דאַן געשטאַנען אין קאַמף קעגן דער „זובאַטאָווּשטשינע" אויף דער ייִדישער גאַס, קעגן דער אַזוי גערופענער „אומאָפּהענגיקער ייִדישער אַרבעטער־פּאַרטיי". אין 1903 ווערט ער אַרעסטירט און זיצט צוזאַמען מיט זײַן פרוי אין תפיסה אין מינסק, דערנאָך אין סלוצק און מאָסקווע, ביז ער ווערט פאַרשיקט אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע אויף 5 יאָר.

אין 1905 אַנטלויפט ער פון דאָרט און לעבט אומלעגאַל אין בערדיטשעוו און דערנאָך אין לאָדזש און צו לעצט אין וואַרשע. ווידער ווערט ער אַרעסטירט און פאַרשיקט אין צפון־רוסלאַנד, פון וואַנען ס'געלינגט אים צו אַנטלויפן. ער לעבט דערנאָך ווײַטער אין געהיים אין פאַרשידענע שטעט פון רוסלאַנד. אין דעם וואָכנבלאַט „דער מאָרגנשטערן" פאַרעפנטלעכט ער אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דער ייִדישער קהילה, וואָס זענען די ערשטע אַרטיקלען וועגן דעם ענין אין דער בונדישער ליטעראַטור. אין 1912 איז ער רעדאַקציע־מיטגליד פון „דער צײַט", וואָס האָט דאַן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אָנשטאָט די פאַרמאַכטע „לעבנס־פראַגן".

אין 1915 פאָרט ער קיין ווילנע אָנצופירן די אַרבעט אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע. ער איז דאָרט טעטיק אין „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין", וואָס איז די לעגאַלע אָרגאַניזאַציע פון די ייִדישע אַרבעטער אין ווילנע אונטער די דײַטשן. ער לייענט דאַן לעקציעס איבער פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין „אוניווערסיטעט פאַר אַלעמען" און איז אויך ערשטער פּאָרזיצער פון ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין אין ווילנע, געגרינדעט אין 1916.

נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אַרעסטירן אים די דײַטשן און צוליב קראַנקהייט האַלט ער זיך דערנאָך אויף אין אָטוואָצק און שפּעטער באַזעצט ער זיך אין וואַרשע, וווּ ר'איז טעטיק אַלס בונד־פירער און באַטייליקט זיך אין די פּאַרטיי־אויסגאַבעס, ווי אין וואָכנבלאַט „לעבנס־פראַגן" (שפּעטער „פּאָלקס־צײַטונג" און „אונדזער פּאָלקס־צײַטונג"), אין זאַמלבוך „אונדזער צײַט" און אין „רויטן פנקס", ווי אויך אין „שול און לעבן". זינט 1918 איז ער מיטגליד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דער טעגלעכער צײַטונג, וווּ ער שרײַבט פּאָליטישע און פּובליציסטישע אַרטיקלען, ווי אויך פעליעטאָנען אונטער די נעמען „ביניש", „אַן אַלטער באַקאַנטער", „דער זעלבער" א"אַ. מיכאַלעוויטש באַטייליקט זיך אויך אַקטיוו אין דער ייִדישער שול־באַוועגונג און ווערט פּאָרזיצער פון דער ייִדישער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע; ער ווערט אויך מיטגליד פון דער וואַרשעווער קהילה.

אין 1924 באַזוכט ער אַמעריקע, וווּ ער טרעט אויף מיט רעפעראַטן אין אַלע גרויסע ייִדישע צענטערס פון לאַנד. אין בוכפאָרעם האָט ער פאַרעפנטלעכט די „סאָציאַליסטישע עטיודן און פּאָליטישע סקיצן", וווּ ער רעדט וועגן אוטאָפּישן סאָציאַליזם, מאַרקס און מאַרקסיזם, בלאַנקיזם און נאַציאָנאַלער קולטור־אויטאָנאָמיע. אין זײַנע „זכרונות פון אַ ייִדישן סאָציאַליסט" נעמט ער אַרום די צײַט פון 1892 ביז 1908.

מיכאַלעוויטש איז געשטאָרבן אין אָקטאָבער 1928 אין וואַרשע.

## מאַרקיש פּרץ

פּרץ מאַרקיש איז געבוירן געוואָרן אין פּאָלאָננאָיע, וואָלין, אין יאָר 1895. אין וואַרשע האָט ער געלעבט אין די יאָרן 1921—1924. דערנאָך האָט ער געוווינט אין בערלין און אין פּאַריז און צו לעצט זיך באַזעצט אויף שטענדיק אין ראַטן־פאַרבאַנד, וווּ ר'איז געוואָרן איינער פון די פאָרויסגייערס פון דער סאָוועטיש־ייִדישער ליטעראַטור.

פּרץ מאַרקיש שטאַמט פון אַ משפּחה פון למדנים און בעלי־מלאכות. ביז 10 יאָר האָט ער געלערנט אין חדר און צו 14 יאָר ווערט ער אַ משורר בײַ אַ חזן אין בערדיטשעוו, אָבער עטלעכע יאָר שפּעטער באַזעצט ער זיך אין אָדעס. אין יאָר 1916 ווערט ער צוגענומען אין מיליטער און אָפּגעשיקט אויפן דײַטשן פראָנט, וווּ ער ווערט לײַכט פאַרוווּנדעט. נאָכן ווערן באַפרײַט באַזעצט ער זיך אין קאַטערינאָסלאַוו, וווּ ער פאַרעפנטלעכט זײַנע ער־שטע לידער אין ייִדיש אין אָרגאַן פון די „פאַראייניקטע" „דער קעמפער" (אין 1917). לידער האָט שוין מאַרקיש אָנגעהויבן שרײַבן צו 15 יאָר, אָבער אין רוסיש. אין 1918 פאַרעפנטלעכט אויך מאַרקיש זײַנע לידער אין ייִדישן זאַמלבוך „אייגנס", וואָס דערשײַנט אין קיִעוו. אין 1919 איז אַרויס אין „קיִעווער פאַרלאַג" פ. מאַרקישעס ערשטע לידער־זאַמלונג „שוועלן", וואָס האָט אים אַוועקגעשטעלט בראש פון דער יונגער ייִדישער פּאָעזיע אין אוקראַינע, וווּ ס'זענען צוזאַמען מיט אים

אויפגעטרעטן די שפּעטער באַקאַנטע דיכטערס דוויד האָפשטיין און לייב קוויטקאָ. שפּעטער באַטייליקט זיך אויך מאַרקיש אין מאָסקווער „עמעס" און אין אַנדערע סאָוועטישע צײַטשריפטן.

אין 1921 קומט מאַרקיש אָן קיין וואַרשע, ווו ער ברענגט דעם ערשטן גרוס פון דער רעוואָלוציאָנערער ייִדישער ליטעראַטור אין ראַטן־פאַרבאַנד. מאַרקיש פאָרט אַרום איבער די פּוילישע שטעט, ווו ער טרעט אויף מיט רעפעראַטן וועגן דער נײַער דיכטונג און רעציטירט אויך זײַנע אייגענע לידער.

פּרץ מאַרקיש האָט דאָן אין „מעלוכע־פאַרלאַג" אין קיִעוו פאַרעפנטלעכט זײַן באַרימטע פּאָגראָם־פּאָעמע „די קופּע", געווידמעט די ייִדישע הרוגים פון אוקראַיִנע, אַ פּאָעמע וואָס איז באַצייכנט געוואָרן אַלס פּאָעזיע פון לעסטערונג. דער דיכטער האָט אין דער פּאָעמע געוואָלט אויסדריקן די שאַנד און פּײַן פון די שוידערלעכע שחיטות אין אוקראַיִנע. אין 1922 איז אין וואַרשע אַרויס די צווייטע אויפלאַגע פון דער „קופּע" אין פאַרלאַג „קולטור־ליגע".

צוזאַמען מיט זינגערן גיט מאַרקיש אַרויס אין וואַרשע דאָס זאַמלבוך „כאַליאַסטרע", ווו ס'ווערט געפירט אַ שאַרפע פּאָלעמיק וועגן אַלט און נײַ אין דער ייִדישער ליטעראַטור, און מאַרקיש ווערט אויך איינער פון די וואָרטפירערס פון דער יונגער רעוואָלוציאָנערער גרופּע ייִדישע דיכטערס אין פּוילן. אין 1924 איז מאַרקיש איינער פון די מיטגרינדערס און רעדאַקטאָרן פון די „ליטעראַרישע בלעטער", ווו ער פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אויף ליטעראַרישע טעמעס, וועגן טעאַטער און אַנדערע.

פּרץ מאַרקיש פאַרלאָזט אין גיכן פּוילן און לעבט אַ צײַט אין בערלין און אין פּאַריז, ווו ער רעדאַגירט צוזאַמען מיט עוזר וואַרשאַווסקין דאָס זאַמלבוך „כאַליאַסטרע" (פּאַריז 1924) און פאַרעפנטלעכט דאָרט זײַן פּאָעמע „וואָכנטעג". ער גרײַפט דאָן שאַרף אָן די ייִדישע שרײַבערס אויף דער עמיגראַציע און אַליין קערט ער זיך גיך אום קיין ראַטן־פאַרבאַנד, ווו זײַן דיכטערישער טאַלאַנט שטײַגט אַלץ העכער און געווינט אָנערקענונג ווײַט איבער די גרענעצן פון סאָוועטן־לאַנד.

אין די יאָרן פון זײַן ראַטן־פאַרבאַנדישער שאַפונג זענען אַרויס זײַנע אַ ריי גרויסע ווערק: „דור אײַן דור אויס", „מלחמה" א"אַ.

---

## מענדעלסאָן שלמה (1948—1896)

געבוירן אין וואַרשע, זײַן פאָטער שמואל צבי אַן אייניקל פון וואַרשעווער רב דעם „חמדת שלמה" — איינער פון די אָנגעזעענסטע נערער חסידים און אַ גרויסער למדן — איז אים געשטאָרבן צו 7 יאָר, אָבער זײַן דערציונג איז אויך ווײַטער געווען אַ שטרענג רעליגיעזער. צו 3 יאָר אָנגעהויבן גיין אין חדר, צו 6 יאָר שוין געמאַכט אַ סיום אויף אַ מסכתא, דאָן געלערנט אין דער היים בײַ באַרימטע מלמדים, געפאָרן קיין גער צום רבין, צו בר־מיצווה שוין געווען אַ בקי אין תלמוד, דערנאָך בסוד פון דער משפּחה זיך אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מיט אַלגעמיינער בילדונג, 1910 אָנגעקומען אין דער 8־קלאַסיקער האַנדלסשול פון מ. קרינסקי, געגאַנגען אין שול אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, פלעגט זיך איבערטאָן אין שולטויער, כדי די שטוביקע זאָלן נישט געוווּיר ווערן. נאָכן ענדיקן די שול מיט אַן אויסצייכענונג (1915) אַרײַן אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט, שפּעטער אַריבער צום יורידישן, דורכגעמאַכט 8 סעמעסטערס אין וואַרשעווער און קראָקעווער אוניווערסיטעטן. 1920 פאַרן אָנפירן מיט דער אַקציע פון דער ייִדישער אַקאַדעמישער יוגנט בײַם אַרײַנטרעטן פרײַוויליק אין פּוילישן מיליטער און פאָדערן נאַציאָנאַלע רעכט אַלס תנאי קודם למעשה — אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אוניווערסיטעט.

זינט דאַן אין גאַנצן זיך געווידמעט דער געזעלשאַפטלעך־פּעדאַגאָגישער אַרבעט אַלס איינער פון די פירערס פון דער ייִדישיסטישער באַוועגונג אין פּוילן. נאָך אַלס שילער פון דער האַנדלסשול געגרינדעט אַ קרײַז פאַר ייִדישער ליטעראַטור, וואָס האָט געפירט אַ קאַמף קעגן דער ציוניסטישער שילער־גרופּע „השחר". 1915, אַלס מיטגרינדער פון אַן אינטערנאַט פאַר בעטלערקינדער, אײַנגעפירט אין דעם אַנשטאַלט ייִדיש אַלס לערנשפּראַך. צוליב קאָנפליקטן מיט אַדאָלף טרוסקער און אַנדערע אַסימילאַטאָריש געשטימטע מיטגלידער פון קאָמיטעט, פאַרלאָזט די אַרבעט אין קאָמיטעט ,דאַן געשאַפן אַ פּריוואַטע שול אויף ייִדיש בײַ אַן אינטערנאַט פאַר קינדער פון אַנטרונענע ,אָבער די חסידישע מיטגלידער פון אינטערנאַט־קוראַטאָריום האָבן די שול פאַרמאַכט. 1916 אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס לערער אין דער ייִדישער שול פון ש. גילינסקי, און אין משך פון 5 יאָר געווען לערער פון ייִדישער ליטעראַטור און געשיכטע אין די פּריוואַטע ייִדיש־פּוילישע מיטלשולן, געווען מיטגליד אין דינענזאָן־קאָמיטעט פאַר די ייִדיש־וועלטלעכע שולן, פון דער פאַרוואַלטונג פון שול־ און פאָלקס־בילדונג־פאַראיין, פאַרוואַלטער פון ייִדישע לערערקורסן אין וואַרשע (1919—1921), אָרגאַניזאַטאָר פון דער ערשטער ייִדישער שול־קאָנפערענץ אין דער פּוילישער רעפּובליק הול־מועד סוכות 1919 אין וואַרשע, אויף וועלכער עס איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פון דער „צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע", אויפן ערשטן ייִדישן שול־צוזאַמענפאָר (1921) געווען איינער פון די פיר פירערס פון דער אומאָפּהענגיקער שולפראַקציע קעגן די פּאַרטיי־אַמביציעס פון „בונד" און פּ"צ אין דער שול־באַוועגונג. זינט דאַן מיטגליד פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער צישאָ, פון עקזעקוטיוו און אויספיר־ביוראָ. אַ געוויסע צײַט אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן. אַלס איינער פון די פירערס פון דער אַקאַדעמישער דעמאָקראַטיש־ייִדישיסטישער גרופּע „צוקונפט", דעלעגירט געוואָרן אין דעם אַזוי גערופענעם „פאָלקס־קאָמיטעט", וואָס האָט אין 1916 אָרגאַניזירט די וואַלן צום וואַרשעווער שטאָטראַט קעגן דער ציוניסטיש־אַסימילאַטאָרישער קאָנסאָלידאַציע און שפּעטער געגרינדעט די ייִדישע פאָלקספּאַרטיי אין פּוילן, 1917—1920 געווען מיטגליד פון דעם צענטראַלראַט פון דער פ"פּ. נאָך נאָמבערגס אַרויסטרעטן פון סיים, געזאָלט לויטן באַשלוס פון דער פּאַרטיי איבערנעמען זײַן סיים־מאַנדאַט, אָבער צוליב פּרינציפּיעלע חילוקי־דעות זיך אָפּגעזאָגט דערפון און אין 1921 אויך אַרויס פון דער פ"פּ. 1917—1921 געשטאַנען בראש פון דער ייִדישער אַקאַדעמישער היים, 1917 מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון „הזמיר", זינט 1921 אייניקע מאָל אויסגעוויילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג פון וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין. ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן 1917 אין דעם אָרגאַן פון דער פאָלקספּאַרטיי „דאָס פאָלק", ווו דער עיקר געדרוקט פּראָגראַמאַטישע אַרטיקלען, 1919 רעדאַקטירט דעם ערשטן ייִדישן האַנטווערקער־אָרגאַן „די האַנטווערקער־שטים", זינט 1921 מיטרעדאַקטאָר פון די אָרגאַנען פון דער צישאָ „די נײַע שול" און „שול און לעבן", ווו פאַרעפנטלעכט זייער פיל אַרטיקלען פון געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן און פּעדאַגאָגישן אינהאַלט, געשריבן אויך אַ ריי רעצענזיעס און קריטישע אַרטיקלען אין „ביכער־וועלט" און זינט 1923 אין דער „פאָלקס־

צײַטונג", אײניקע פּובליציסטישע און שול־אַרטיקלען געדרוקט אויף אין ווילנער „טאָג", רעדאַקטירט די אויסגאַבע פון שלמה עטינ־גערס „משלים", צו וועלכער געשריבן אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן עטינגערן, אַרויסגעגעבן אַ בראָשור אין פּויליש וועגן דער ייִדיש־וועלטלעכער שול, צוזאַמען מיט ח. ש. קאַזשדאַנען זעצט איבער ש. דובנאָווס „נײַסטע געשיכטע" פאַרן פאַרלאַג „קולטור־ליגע". מענ־דעלסאָן האָט זיך די לעצטע צײַט געפונען אין די פ"ש, וווּ ער איז געשטאָרבן דעם 9טן פעברואר 1948.

## נאָמבערג הערש דוויד (1876—1927)

געבוירן אין אַמשינאָוו ווארשעווער געגנט, אין אַ חסידיש־נגידישער פאַמיליע. זײַן פאָטער משה מרדכי, אַן אוראייניקל פון פּראַגער רב יחזקאל נאָמבערג, אַ גרויסער לערנער, אַ העכסט באַ־גאַבטע נאַטור, אַן אפּיקורס, איז יונג געשטאָרבן, און הערש דוויד האָט זיך דערצויגן בײַ זײַן זיידן פון דער מוטערס צד אײַזנבערג, אַ זייער אָריגינעלע פּערזענלעכקייט. שטאַמענדיק פון אַ שיין חסי־דיש הויז, אַן אייניקל פון דעם „חושן משפט" לאַנדע, אַליין אַ לובלינער חסיד, וואָס איז רעגולער געפאָרן צום רבין, איז דער דאָזיקער אײַזנבערג געווען זייער אָנגעזען אין דער גאַנצער געגנט סײַ בײַ ייִדן און סײַ בײַ נישט־ייִדן. געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּאַניע דזשעדזשיצו", געפירט גרויסע געשעפטן מיט פּריצים, גע־לעבט אַליין ווי אַן אַריסטאָקראַט אין אַן אויסערגעוויינלעך שיין דעקאָרירטע הויז, אַרומגעפאָרן אין אַ קאַטש, געריטן אויף אַ פערד, פאַרנומען בײַ די פּאָליאַקן אַן ערן־פּאָסטן אַלס „נאַטשאַלניק סטראַזשי", געהאַלטן אַן אומגעהייערע קיך פאַר אָרעמע־לײַט אאַ"וו.

נאָמבערג איז בײַם זיידן דערצויגן געוואָרן אין שטרענג חסי־דישן גײַסט, ביז 18טן יאָר געלערנט, זיך אויסגעצייכנט אַלס עילוי און בקי, גערעדט העברעיִש, שפּעטער, שוין נאָך דער חתונה, האָט ער אונטער דער השפּעה פון דער העברעיִשער ליטעראַטור זיך אָנ־געהויבן אָפּצוגעבן מיט זעלבסטבילדונג.

אַן אינערלעכע קאַטאַסטראָפע, אַן איבעררײַס פון זײַן רעליגיעזן וועלט־באַנעם. האָט זיך געפילט דערשלאָגן, נישט געפונען באַפרידי־קונג אין דער העברעיִשער ליטעראַטור, אויף וועלכער ער האָט זיך געוואָרפן. נאָר צופעליק איז אים געקומען אין דער האַנט אַרײַן י. ל. פּרצעס ביכעלע שירים „העוגב", וועלכע האָבן אויף אים געמאַכט אַ טיפן רושם, און ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין וואַר־שע — בײַ דעם דיכטער צו געפינען אַן ענטפער אויף די פראַגעס וואָס האָבן אים געפּײַניקט. געצוווּנגען פאַר זײַן „אַפּיקורסות" זיך צו שיידן מיט זײַן פרוי, איז ער מיט דער הילף פון אַ קרײַז וואַר־שעווער סטודענטן־סאָציאַליסטן, וועלכע פלעגן אויפזוכן אויף דער פּראָווינץ פעיִקע יונגעלײַט מיט אויפקלערערישע צוועקן, געקומען אַרום 1897 קיין וואַרשע, באַזוכט פּרצן און געוויזן אים זײַנע העב־רעיִשע שירים וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו שרײַבן נאָך אין דער אַמשינאָווער ישיבה. פּרץ האָט אים געראָטן אוועקצוואַרפן דאָס שרײַבן אין העברעיִש און איבערצוגיין צו ייִדיש. נאָמבערג איז שוין דאָן פאַרבליבן אין וואַרשע. די ערשטע יאָרן איז ער געווען באַשעפטיקט אַלס לערער אין אַ העברעיִשער שול און געהאַט אויך אַ שטעלע אַלס הויז־אַדמיניסטראַטאָר, פאַר וואָס ער האָט באַקו־מען אַלס באַלוינונג אַ גרויס צימער, וואָס איז געוואָרן אַ מקום מקלט פאַר אַ סך ליטווישע נרים אין וואַרשע, אויך פאַר פּוילישע יונגע בחורימלעך, וואָס פלעגן קומען אין דער רעזידענץ־שטאָט זוכן השכלה און בילדונג.

אין אַ קורצער צײַט אַרום זענען קיין וואַרשע אויך געקומען אַבֿרהם רײַזען און שלום אַש און אַלע דרײַ האָבן געבילדעט דאָן דעם דרײַבונד פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור. נאָמבערג איז דאָן געווען נישט נאָר דער גרעסטער פאַרדינער אין דעם דאָזיקן „דרײַבונד", נאָר אויך דער שטרענגער קריטיקער, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער ליטעראַרישער אַנטוויקלונג פון זײַנע חברים. דעביוטירט אין דער ליטעראַטור האָט ער מיט אַ ליד „דער נביא" אין דעם „יוד" (1900), און מיט אַ מעשהלע „דאָס גליק" אין א. רײַזענס זאַמלבוך „דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט". דאָן האָט ער אויך אָנגעשריבן פאַר אַן אומלעגאַלער זאַמלונג לכבוד דעם ערשטן מײַ זײַן ליד „ס'לויפן, ס'יאָגן שוואַרצע וואָלקנס", וואָס איז געווען איינס פון די פּאָפּולערסטע לידער אין די קרײַזן פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. דערנאָך האָט ער אָפּגעדרוקט אין „יוד" און אויך אין פרישמאַנס „הדור" זײַנע ערשטע נאָוועלן, צ"אַ איינע פון זײַנע בעסטע „דער רב און זײַן זון", „פון אַ פּוי־לישער ישיבה", וואָס האָבן געמאַכט זייער אַ גרויסן אײַנדרוק און אַרויסגערוקט נאָמבערגן אין אויבנאָן פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור. נאָך גרעסער איז געווען דער רושם פון זײַן גרויסער דערציילונג „פליגלמאַן". צו יענער צײַט האָט זיך נאָמבערג שוין געהאַט אין גאַנצן אָפּגעגעבן דער ליטעראַרישער טעטיקייט, אויפ־טרעטנדיק אויך אַלס פּובליציסט, געווען איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון דער צײַטונג „הצופה", וווּ ער איז לכתחילה אָנגעקומען אַלס איבערזעצער פון טעלעגראַמעס, באַלד אָבער האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם זײַנע פעליעטאָנען אונטערן פּסעוודאָנים כף המבשלים, א. קירץ, הציוני, מרכי, שאנני הדון און נאָך דער רעזיגנאַציע פון אָ. ליצווירדאָס אויך רעדאַקטאָר פון „הצו־פה", שפּעטער מיטגעאַרבעט אין „וועג", דאָן אַוועק קיין אויסלאַנד, אַנדערטהאַלבן יאָר געלעבט אין מינכען, שווייץ און אַנדערע ער־טער. אַרום 1907 האָט ער געלעבט אין ווילנע, וווּ ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין „הזמן" און זיך אויך באַטייליקט אין אַנדערע אויסגאַבעס, אַרויסגעגעבן אַ זאַמלהעפט „לכבוד פסח", אין די ווילנער אויסגאַבעס „די פאָלקס־שטימע", „די וועלט", „ליטעראַרי־שע מאָנאַטסשריפטן", פאַרעפנטלעכט אַ ריי נאָוועלן אויס דעם לעבן פון דער ייִדישער מאָדערנער אינטעליגענץ; זינט דאָן בלויז פון צײַט צו צײַט געשריבן בעלעטריסטישע ווערק, אָפּגעבנדיק זיך אַלץ מער מיט דער פּובליציסטיק און מיט דעם ליטעראַרישן פעליע־טאָן. 1908 האָט ער זיך באַטייליקט אין דער ייִדישער שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, געווען דער מחבר פון דער טשערנאָ־וויצער רעזאָלוציע, און זינט דאָן זיך אויך ענג פאַרבונדן מיט דער נײַער ייִדישער קולטור־באַוועגונג.

בײַם אַריבערגיין פון „פרײַנד" קיין וואַרשע, איז ער אַרײַן אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער צײַטונג, וווּ ער האָט אין משך פון אַ פּאָר יאָר געשריבן אַלע פרײַטיק פּובליציסטישע אָדער קריטישע עסייען אונטערן טיטל „וואָכעדיקע שמועסן", און זיי ממשיך געווען דערנאָך אין „הײַנט", וווּ ער האָט מיטגעאַרבעט זינט 1912 ביז אין דער מלחמה אַרײַן. נאָך דער אָקופּאַציע פון פּוילן דורך די דײַטשן, איז ער געוואָרן איינער פון די פירער פון דער ייִדישער פאָלקיסטישער באַוועגונג, האָט אין דער ריכטונג געפירט „דאָס וואַרשעווער טאָגבלאַט", פון וועלכן ער איז געווען דער ליטעראַרישער לײַטער, 1916 געווען איינער פון די גרינדער פון דער ייִדישער פאָלקספּאַרטיי, און נאָך דעם ווי נח פּרילוצקי איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון גרינדונגסיים, איז ער אַרײַן אויף זײַן

אָרט אַלס סיים־דעפּוטאַט, אָבער אין אַ פּאָר יאָר אַרום רעזיגנירט, הגם ער האָט גענומען אַן אָנטייל אין דעם יִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, דערהויפּט אַלס פּאָרזיצער פון דעם יִדישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ווארשע; האָט זיך אויך באַטייליקט אויף אייניקע קאָנפערענצן פון דער יִדיש־וועלטלעכער שול, געווען פּאָרזיצער פון ערשטן צוזאַמענפאָר פון די יִדישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין פּוילן, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווארשע סוף דעצעמבער 1921.

האָט זייער פיל גערייזט ,צוויי מאָל באַזוכט אַמעריקע, סוף 1911 און אָנהייב 1926.

אַ לענגערע צײַט פאַרברענגט אין ארגענטינע (1923). 1924 באַזוכט ער ארץ ישראל און דערנאָך פאַרעפנטלעכט ער אַ בוך, ווו ער גיט איבער אָביעקטיוו סײַ די גוטע, סײַ די שלעכטע זײַטן פון דעם ערשט זיך בויענדיקן יישוב. ער האָט אויך באַזוכט דעם ראַטן־פאַרבאַנד.

פון צײַט צו צײַט געלעבט אין דער שווייץ, אין דײַטשלאַנד, אין פּאַריז, און פון די דאָזיקע לענדער געשריבן אַ סך אײַנדרוקן און אַרטיקלען, וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט דערהויפּט אין „מאָ־מענט", פון וועלכן ער איז זינט 1918 אַ שטענדיקער מיטאַרבע־טער און פאַרעפנטלעכט דאָרט אחוץ די פּרייטיקדיקע „וואָכעדיקע שמועסן" אויך קליינע פּובליציסטישע אַרטיקלען און גיט אַרויס אין בוכפאָרם זיין באַקאַנטע דראַמע די „משפּחה".

די שפּעטערדיקע יאָרן זיך אויך באַטייליקט פון צײַט צו צײַט אין „פאָרווערטס", „טאָג", בוענאָס־איירעסער „די אידישע צײַ־טונג", לאָנדאָנער „צייט", „ביכער־וועלט" און אַנדערע אויסגאַ־בעס.

אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן געפינט ער זיך שוין אַ קראַנקער אין אַ סאַנאַטאָריע פון אָטוואָצק, ווו ער איז געשטאָרבן דעם 21טן נאָוועמבער 1927.

---

## נ י ר (1884)

פּסעוודאָנים פון נחום יעקב ראַפּאַלקעס, געבוירן אין ווארשע. זײַן פאָטער משה געשטאַמט פון איליע, איז 30 יאָר געווען־שוך־פאַב־ריקאַנט אין ווארשע. ניר האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דערציונג, פון 5 יאָר אָן געגאַנגען אין חדר ווו מ'האָט שוין געלערנט רוסיש, געלערנט ביז 15 יאָר תנך און גמרא ,דאַן קעגן דעם ווילן פון פאָטער אָנגעקומען אין 6טן קלאַס גימנאַזיע, וועלכע געענדיקט 1902, שטו־דירט נאַטור־וויסנשאַפט אין ווארשעווער אוניווערסיטעט, פון וואַ־נען 1905 אויסגעשלאָסן געוואָרן פאַרן אָנטיילנעמען אין אַ סטו־דענטן־שטרײַק און אַנדערע פּאָליטישע חטאים, דאַן שטודירט אַ סעמעסטער מעדיצין אין ציריך, סעפּטעמבער 1905 צוריק געקומען קיין ווארשע. סוף 1906 אריין אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט אויפן נאַטור־וויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט און געענדיקט אין 1907, דאַן שטודירט יוריספּרודענץ אין דאָרפּאַט און 1908—1907 פּראַק־טיצירט אַלס אַדוואָקאַט אין ווארשע און דערנאָך אין פּעטערבורג. נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע באַשטימט געוואָרן ווי אַ געשוואָרענער אַדוואָקאַט. יאַנואַר 1919 צוריק געקומען קיין ווארשע, פון 1920 געלעבט אַ פּאָר יאָר אין ווין שפּעטער זיך באַזעצט אין א"י.

זײַן געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אָנגעהויבן אַלס גימנאַזיסט, ווי איינער פון די פירער פון דעם א"ג „יִדישן חברישן פאַרבאַנד פון גימנאַזיסטן און רעאַליסטן", געגרינדעט פון בראָניסלאַוו גראָ־סער, 1903 צוזאַמען מיט י. גרינבוים, האַרטגלאַס און אָלשוואַנגער, גענומען אָנטייל אין דער ציוניסטישער סטודענטן־אגודה „קדימה", זיך באַטייליקט אויפן 7טן ציוניסטישן קאָנגרעס און אויף דער פּרײַ־בורגער קאָנפערענץ פון די „ציוני ציון". אונטער דער פּערזענלע־כער ווירקונג פון ב. באָראָכאָוו אין בערלין אריבער צו די פּ"צ, ווו ער איז טעטיק (מיט הפסקות) זינט סעפּטעמבער 1905. אין יאַנואַר־אַפּריל געזעסן אין דער מאָדלינער פעסטונג, זיך באַטייליקט ווי אַ דעלעגאַט פון פּוילן אויף דעם צווייטן צוזאַמענפאָר אין קראָ־קע, געווען דעלעגאַט פון פּ"צ אויפן 8טן קאָנגרעס אין האַאג 1907, אויך אויף דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון דעם אַלוועלטלעכן פּ"צ־פאַרבאַנד. פון 1907 ביז 1915 זיך צוריקגעצויגן פון דער באַווע־גונג. אין 1916 זיך צוריק באַטייליקט אין דער מאָסקווער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, סעפּטעמבער 1918 געגרינדעט אַ פּ"צ־גרופּע אין פּע־טערבורג, 1919 קאַנדידאַט צום גרינדונגססיים, אויסגעוויילט גע־וואָרן אין ווארשעווער שטאָטראַט.

זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין 1906, ווען צו־זאַמען מיט בן ציון ראַסקין און אפרים בלומענפעלד אַרויסגעגעבן צוויי נומערן פון אומלעגאַלן אָרגאַן „דאָס יִדישע אַרבעטער־וואָרט". פון מאַרץ 1917 ביז מאַרץ 1918 רעדאַקטירט אין פּעטער־בורג דעם צענטראַלן אָרגאַן פון די פּ"צ אין רוסלאַנד (אַרום 24 נומערן). געשריבן אין דעם אָרגאַן פון דער פּאַרטיי אין פּוילן „אַר־בעטער־צײַטונג" און אין אַ גאַנצע ריי פּאַרטיי־צײַטונגען פון פאַר־שידענע לענדער. זיך אויך באַטייליקט מיט רעצענזיעס אין דער „ביכער־וועלט".

אין בוכפאָרם אַרויסגעגעבן: „רוסלאַנד אונטער דער ראַטן־רע־גירונג" ווארשע 1910, „די לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות אין ארץ ישראל אין יאָר 1920", אַרויסגעגעבן אין 1921 אין ווין „דער פּועלי־ציוניזם", אַרויסגעגעבן דורכן צ"ק פון די פּ"צ. אין אַרגענ־טינע (אין 1922) „די געשיכטע פון סאָציאַליזם" ערשטער באַנד.

ניר געפינט זיך ביזן הײַנטיקן טאָג אין ישראל.

---

## סאָקאָלאָוו נחום (1936—1860)

געבוירן אין ווישעגראָד, פּלאָצקער געגנט אין אַ מיוחסדיקער משפחה וואָס שטאַמט פון קראָקע. צו 3 יאָר שוין געגאַנגען אין חדר, צו 5 געשמט פאַר אַן עילוי. צו 10 יאָר האָט ער איבערראַשט מיט זײַנע ידיעות אין גמרא און פּוסקים. זײַן פאָטער האָט אים גע־וואָלט מאַכן פאַר אַ רב און מ'האָט קוים בײַ אים געפּועלט ער זאָל לאָזן לערנען זײַן זון אויך אַלגעמיינע לימודים. אויפן 18טן יאָר חתונה געהאַט, זיך באַזעצט בײַ זײַן רײַכן שווער אין מאָקאָוו ווו ער האָט זיך פאַרפולקומט אין וועלטלעכער בילדונג און אַ דאַנק זיין פענאָמענאַלן זכרון באַהערשט דאָס רוב אייראָפּעיִשע שפּראַכן.

זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן אַלס 15יעריק יִינגל מיט אַן איבערזעצונג פון אַ האַנטבוך פון געאָגראַפיע (1877), 1879 זיך באַזעצט אין ווארשע ווו ער איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער (שפּעטער אויך רעדאַקטאָר) פון „הצפירה" און זײַנע פּובליציסטישע אַרטיקלען א"ט „הצופה לבית ישראל" האָבן גע־מאַכט אַ רושם. זײַנע פּאָליטישע איבערזיכטן א"ט „דברי הימים" האָבן געשלונגען סײַ די משכילים סײַ דער אָרטאָדאָקסיש־חסידישער

ליענער און זײַן נאָמען האָט באַקומען אַן אומגעהײַערע פּאָפּולאַריטעט. ער איז געווען שעפער פון דעם ליטעראַריש־קריטישן עסיי אין דער העברעיִשער ליטעראַטור און באַזונדערס זיך אויסגעצייכנט אין זײַנע פעליעטאָנען „משבת לשבת".

א סקעפּטיקער־ראַציאָנאַליסט לויט זײַן שטייגער אינטעלעקט, איז ער לכתחילה געשטאַנען אָן אַ זײַט פון דעם ציוניזם, געווען נאָענט צו דעם יִדיש־פּוילישן אָרגאַן „איזראַעליטאַ", ווו ער האָט זייער פיל געשריבן. בשעת דער פראַגע פון באַזעצן יִדן אין אַרגענטינע, האָט ער היים אונטערגעשטיצט די עמיגראַציע אַהינצו אַלס קעגנער פון חיבת ציון. ערשט שפּעטער איז ער צוגעשטאַנען צום פּאָליטישן ציוניזם ווו ער האָט אָנגעהויבן שפּילן אַן אָנפירנדיקע ראָלע, צו ערשט אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און רעדאַקטאָר פון איר צענטראַל־אָרגאַן „העולם" אין קעלן, וווּהין ער איז געפאָרן ווען די „הצפירה" האָט זיך צוריק געעפנט איז ער צוריקגעקומען קיין ווארשע. שפּעטער האָט ער ווידער פאַרלאָזט ווארשע און זיך באַזעצט אין לאָנדאָן.

זינט די מלחמה־יאָרן ,און ספּעציעל זינט דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז ער צוזאַמען מיט ד"ר חיים ווייצמאַן געווען דער פירער פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק. ער איז געווען באַרימט נישט נאָר אַלס שריפטשטעלער און זשורנאַליסט פון גרויסן סטיל נאָר אויך ווי אַ גלענצנדיקער רעדנער אין פאַרשידענע שפּראַכן. ער צייכנט זיך אויס אַלס שרײַבער אין יִדיש, האָט פאַרפאַסט „די נײַע פּראַקטישע מעטאָדע דער ענגלישע שפּראַכע", וואָס איז דערשינען אין 16 אויפלאַגעס. דאָס בוך איז דערשינען אין אַ האַלב דײַטשן און אַ האַלב יִדישן סטיל. שפּעטער בעסערט ער אויס זײַן יִדיש און ער ווײַזט זיך אַרויס פאַר אַ גלענצנדיקן סטיליסט און שאַרפזיניקן פעליעטאָניסט אויך אין דער יִדישער שפּראַך. האָט געדרוקט אַרטיקלען אין יִדיש אין י. ל. פּרצעס „יודישער ביבליאָטעק", האָט געגרינדעט דעם „טעלעגראַף". נאָך דעם ווי די „הצפירה" איז אונטערגעגאַנגען די לעצטע צײַטן מיטגעאַרבעט אין ווארשעווער „הײַנט". א"ט „פון מײַן ליטעראַרישן נאָטיץ־בוך", בלויז אַ קליינער טייל פון זײַן זשורנאַליסטישע און בעלעטריסטישע זאַכן זענען אַרײַן אין דעם באַנד „אויסגעוועלטע שריפטן" וואָס איז דערשינען אין ווארשע 1912. איז איניקע מאָל אויך אַרויסגעטראָטן צו פאַרטיידיקן די יִדישע שפּראַך קעגן אירע שונאים. די לעצטע יאָרן האָט ער געאַרבעט אויף אַן ענציקלאָפּעדישן ווערטער־בוך פון דער העברעיִשער שפּראַך.

געשטאָרבן אין לאָנדאָן אין יאָר 1936.

---

## ספּעקטאָר מרדכי

געבוירן דעם 5טן מײַ 1858 אין אומאַן, קיִעווער גובערניע, אין אַ משפּחה פון טאַלנער חסידים. זײַן פאָטער, אַ קרעמער, אַ הייסער חסיד, וואָס פלעגט זיך נישט רירן אָן רבינס ברכה, האָט צונויפגעקויפט די העברעיִשע השכלה־ביכער צו פאַרברענען זיי לשם מצווה. ווען ספּעקטאָר איז אַלט געווען 2 יאָר איז דער פאָטער אים געשטאָרבן. די ערשטע דערציִונג האָט ער באַקומען אין חסידישן גײַסט, בײַ מלמדים וועלכע האָבן געקענט מער זינגען זמירות בײַם רבין און כאַפּן פון די טעלער בײַ די חסידישע סעודות ווי לערנען. אַ קורצע צײַט האָט ער אויך געלערנט אין בית־המדרש און ווען ער איז אַלט געוואָרן 13 יאָר האָט מען אים אוועקגעפירט צום טאַלנער צדיק, וואָס האָט אים מיט די אייגענע הענט אָנגעטאָן די תפילין. דאָס האָט אָבער קנאַפּ וואָס געווירקט אויף אים; ספּעקטאָר האָט שוין דאַן געשטרעבט צו וועלטלעכער בילדונג און נישט קוקנדיק אויף די שטערונגען פון זײַנע קרובים איז ער אָנגעקומען אין דער ערדאַרבעטערישער שול אין אומאַן. צו 17 יאָר איז ער אַנטלאָפן קיין זשיטאָמיר אָנצוקומען אין דער ראַבינער שול. מען האָט אים נישט אָנגענומען צוליבן פעלן פון פרײַע ערטער.

אין „אידישן פאָלקסבלאַט" איז אין 1883 געווען געדרוקט זײַן „ראָמאַן אָן אַ נאָמען" און אין 1884 זײַן צווייטער ראָמאַן „דער יודישער מוזשיק", דורכגעדרונגען מיט טענדענצן פון דעם דעמאָלט זייער אַקטועלן חיבת־ציון.

אין 1887 קומט ער קיין ווארשע און גיט אַרויס דעם ערשטן באַנד פון זײַן יאָרבוך „דער הויז־פרײַנד". אין דער זעלבער צײַט האָט זײַן חבר און פרײַנד שלום עליכם אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק", וואָס איז ליטעראַריש געשטאַנען העכער. אָבער דער „הויז־פרײַנד" איז געווען נענטער צום פאָלק מיט זײַן פשוטן, פּאָפּולערן אינהאַלט, בפרט אַז ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אַ ביסל פריִער און אַזוי אַרום געעפנט יענע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער נײַער יִדישער ליטעראַטור, וועלכע איז פאַרבונדן מיט די דאָזיקע בײדע אויסגאַבעס.

אין 1894 האָט ספּעקטאָר צוזאַמען מיט י. ל. פּרץ אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די אַזוי באַרימט געוואָרענע „יום־טוב־בלעטלעך", אָבער נאָך די ערשטע נומערן האָט ספּעקטאָר זיך אָפּגעטיילט און אַליין אַרויסגעגעבן עטלעכע נומערן „וואָכעדיקע בלעטלעך". האָט אויך אַרויסגעגעבן דעם „ווארשעווער יִדישער קאַלענדאַר". נאָך דער גרינדונג פון „דעם יוד" איז ער געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דעם דאָזיקן עפּאָכאַלן וואָכנבלאַט, האָט געפירט די אָפּטיילונג „שטעט און שטעטלעך" — פעליעטאָנען אויס דעם לעבן פון דער יִדישער פּראָווינץ. אין 1902—1903 האָט ער צוזאַמען מיט ד"ר ה. ד. הורוויץ רעדאַקטירט דאָס וואָכנבלאַט „יודישע פאָלקסצײַטונג" מיט דער „פרויען־וועלט" אַלס בײַלאַגע. אין 1907 רעדאַקטירט דאָס ווארשעווער וואָכנבלאַט „פרייטאָג" און אין 1909 האָט ער געגרינדעט דאָס טאָגבלאַט „די נײַע וועלט", וועלכע האָט זיך שפּעטער צונויפגעגאָסן מיט דעם „מאָמענט", ווו ספּעקטאָר איז אַרײַן אַלס איינער פון די הויפּט־מיטאַרבעטערס. סוף 1914, בײַם דערנענטערן זיך פונעם דײַטשן מיליטער צו ווארשע, איז ער אוועק קיין אָדעס. דאָרט האָט ער מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע רוסישע צײַטונגען, געשריבן פעליעטאָנען און דערציילונגען, געווען איינער פון די איניציאַטאָרן פון דער אָדעסער „קולטור־ליגע", סוף 1920 געמאַכט אַ רײַזע איבער רומעניע, אונגאַרן, יוגאָסלאַוויע, איטאַליע, שווייץ און פראַנקרײַך, אומעטום אויפגענומען געוואָרן פון דער יִדישער באַפעלקערונג מיט גרויס באַגײַסטערונג. אין 1921 געקומען קיין נאָרד־אַמעריקע, אַרײַן אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „יִדישן טאַגעבלאַט", ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ סעריע באַשרײַבונגען פון די געשעענישן אין רוסלאַנד. געשטאָרבן איז ער אין ניו־יאָרק דעם 15טן מאַרץ 1925.

ספּעקטאָר האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער נײַער יִדישער ליטעראַטור. ער איז געווען דער שילדערער פון די ליידן און פריידן פון „קליינע מענטשעלעך", בעלי־מלאכות, אַרבעטער, הענדלערס, קרעמערס אא"וו. מיט אַן עפּישער פשטות און וואַרעמער האַרציקייט פלעגט ער שילדערן דעם אַלטן אײַנגעפונדעוועטן יִדישן לעבנס־שטייגער. ער איז אויך געווען אַ קעמפער קעגן דער שונד־ליטעראַטור, און מיט דירעקטע מיטלען — דורך פאַרשידענע אויסגאַבעס, אויך דורך דעם פּאַמפלעט „שמרם משפט", פאַרפאַסט

דורך שלום עליכמען מיט ספּעקטאָרס מיטהילף — נאָר דער הויפּט מיט אומדירעקטע מיטלען, דורך זײַנע אייגענע ראָמאַנען און זאַמלהעפטן. דאָס וואָס אײַזיק מאיר דיק האָט דורכגעפירט אין אַ פריִערדיקן פּעריאָד — צו געווינען דעם לייענער פאַר זײַנע אידעאַלן דורך אַן אינטערעסאַנטן לייענשטאָף — איז ספּעקטאָרן געלונגען בשעתו נישט אין קיין קלענערער מאָס. זײַן שטעלונג צו ליטעראַטור האָט ספּעקטאָר אַליין פאָרמולירט אין איינער פון זײַנע רעצענזיעס „די ליטעראַטור איז דאַן נוצלעך און דעריבער אויך נויטווענדיק, ווען זי האָט אַ געזונטע טענדענץ, ווען רעכטע, גוטע מענטשנפרײַנד און ריכטיקע אידעען הערשן אין איר. ווען זי האָט שלעכטע אידעען, איז זי שרעקלעך, און דאַן איז נויטווענדיק זי נישט צו האָבן. ווען זי האָט קיין אידעען, איז זי אומנוצלעך און דעריבער אויך נישט נויטווענדיק" („הויז־פרײַנד", באַנד 3, זײַט 251).

## שאול סטופּניצקי

איז געבוירן אין ביעלסק, גראָדנער געגנט, אין יאָר 1876. ער באַקומט אַ פרומע יידישע דערציִונג, לערנט אין חדר, דערנאָך אין דער ישיבה און אין 1895 פאָרט ער קיין פראַג צו לערנען אין רבנים־סעמינאַר. ער הייבט אָן שרײַבן אין העברעיִש און זײַן ערשטן אַרטיקל פאַרעפנטלעכט ער אין „המליץ" אין יאָר 1896. אין 1897 פאָרט סטופּניצקי קיין היידעלבערג שטודירן פילאָסאָפיע און געשיכטע און אַ יאָר שפּעטער פאָרט ער אָפּ קיין בערן ווּ ער זעצט פאָר זײַן שטודיום. אונטער דער ווירקונג פון דער סאָציאַליסטישער און ראַדיקאַלער סטודענטנשאַפט הייבט ער זיך אָן צו פאַראינטערעסירן מיט סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

אין יאָר 1901 קומט סטופּניצקי קיין װאַרשע, ווּ ער טרעט אַרײַן אַלס מיטאַרבעטער אין „די יידישע פאָלקסצײַטונג", אָנגעפירט פון מ. ספּעקטאָר און חוץ דעם גיט ער זיך אויך אָפּ מיט שרײַבן פּראָקלאַמאַציעס. אָבער אין 1903 פאַרלאָזט ער װאַרשע און פאָרט אָפּ קיין גענף, ווּ ער ווערט סעקרעטאַר פון „ביוראָ פאַר דער יידישער הויכשול" אונטער דער אָנפירונג פון חיים ווייצמאַן. באַווירקט פון אבא רובענטשיק ,דעם פירער פון די מינסקער פּ"צ, שליסט זיך סטופּניצקי אָן אין דער גרופּע, און נאָכן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל אין 1904 באַזעצט ער זיך אין מינסק, ווּ אין משך פון צוויי יאָר באַטייליקט ער זיך אין די אומלעגאַלע אויסגאַבעס פון זײַן גרופּע און אויך אין דעם לעגאַלן פּאַרטיי־אָרגאַן „די יידישע ווירקלעכקייט", וואָס איז אַרויס אין ווילנע. נאָך דער צונויפגיסונג פון די מינסקער פּ"צ מיט די ס"ס טרעט ער אַרויס פון דער גרופּע און פאָרט אַריבער קיין װאַרשע.

די ערשטע צײַט נאָך זײַן אָנקומען אַרבעט סטופּניצקי אַלס סעקרעטאַר פון װאַרשעווער עמיגראַציע־ביוראָ בײַ דער יִטאַ און נאָך דער גרינדונג פון „הײַנט" אין 1908 ווערט ער דאָרט מיטאַרבעטער אין דער רעדאַקציע. ער שרײַבט דאַן פּאָליטישע אַרטיקלען און פּרעסע־איבערבליקן אָן איבעררײַס ביזן אויסבראָך פון דער מלחמה אין 1914. דערנאָך שרײַבט ער אויך פּובליציסטישע אַרטיקלען און פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען אונטערן נאָמען: „מלוכה און נאַציע", וואָס איז שפּעטער אַרויס אין בוכפאָרעם מיטן נאָמען: „דאָס רעכט פון דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט" (פאַרלאַג „וויסנשאַפט", װאַרשע 1913), „אַסימילאַציע אין דער יידישער געשיכטע", „קאָאָפּעראַטיוון", „פּראָפעסיאָנעלע פאַראייִנען" און נאָך אַנדערע.

צוליב פּרינציפּיעלע חילוקי־דעות מיט דער רעדאַקציע פון „הײַנט", אין שײַכות מיט די וואַלן צום װאַרשעווער שטאָטראַט אין 1916 טרעט ער אַרויס פון דער צײַטונג און שרײַבט דערנאָך אין „װאַרשעווער טאַגעבלאַט" אַרטיקלען איבער נאַציאָנאַלע רעכט און יידישער אויטאָנאָמיע. שפּעטער ווערט ער רעדאַקטאָר פון וועכנטלעכן אָרגאַן פון דער פאָלקספּאַרטיי „דאָס פאָלק". אין 1918 נעמט ער איבער די רעדאַקציע פון „לובלינער טאַגעבלאַט", ווּ ער אַרבעט ביז 1926. בלויז אַ קורצער איבעררײַס איז זײַן אַרבעט אין װאַרשעווער דזשאָינט און אויך בעת די וואַלן צום סיים אין 1922, ווען ער רעדאַגירט דעם פאָלקיסטישן טעגלעכן אָרגאַן „לובלינער נײַעס". אגב איז ער שוין דאַן אַ פירער פון די פאָלקיסטן.

אין 1924 פאַרלאָזט סטופּניצקי ווידער װאַרשע און ער באַזעצט זיך אין ריגע, ווּ ער ווערט ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער דאָרטיקער טעגלעכער יידישער צייטונג „פרימאָרגן". דאָ האָט ער פאַרענדיקט זײַנע „טרוימער און פירער", וואָס ר'האָט פריִער געדרוקט אין המשכים אין „לובלינער טאָגבלאַט". דאָס זענען זכרונות פון די סטודענטיש־עמיגראַנטישע קאָלאָניעס אין שווייץ און דײַטשלאַנד, ווּ ס'ווערן אַרויסגעבראַכט יידישע און רוסישע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָלע אין יידישן און אַלגעמיינעם לעבן. אַ צווייטע סעריע זיינע זכרונות: „צײַטן, מענטשן און געשטאַלטן" (געדרוקט אין „פרימאָרגן") האָבן געשילדערט דאָס ישיבה־לעבן אין לאָמזשע, איישישאָק און ראַדין און דאָס סטודענטישע לעבן אין פּראָג, היידעלבערג און אַנדערע שטעט.

זײַנע גרעסערע ווערק זענען: „יידישע ראַסע און קולטור", „אידעען און פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס", „די געשיכטע פון דער יידישער פילאָסאָפיע", „ברוך שפּינאָזאַ, זײַן פילאָסאָפיע, ביבל־קריטיק, שטאַטסלערע און זײַן באַדײַטונג אין דער אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן דענקען" (פאַרלאַג „יידיש" װאַרשע 1917, האָט אויסגעהאַלטן עטלעכע אויפלאַגעס) און צולעצט זײַן „אויפן וועג צום פאָלק" („נײַער פאַרלאַג", װאַרשע 1920). דאָס איז אַ זאַמלונג אַרטיקלען, געשריבן זינט 1904, וועגן נאַציע, נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין אייראָפּע, יידישן נאַציאָנאַליזם, יידישע באַוועגונגען, קולטור־אויטאָנאָמיע און דער עיקר וועגן פאָלקיזם.

ש. סטופּניצקי איז אין װאַרשעווער געטאָ אומגעקומען פון הונגער.

## סעגאַלאָוויטש זוסמאַן

געבוירן אין יאָר 1884 אין ביאַליסטאָק, אין אַ משפּחה וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ סך רבנים. געלערנט אין פּריוואַטע שולן און אין דער היים. שפּעטער האָט ער געדינט אויף פאַרשידענע שטעטלעך ,געווען אויך אַן אַרבעטער אין אַ קאַכל־פאַבריק. אַ גרויסע השפּעה האָט אויף אים געהאַט די רוסישע ליטעראַטור, בפרט טורגעניעוו און דאָסטאָיעווסקי. זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט האָט סעגאַלאָוויטש אָנגעהויבן אין 1903 אין דער ביאַליסטאָקער רוסישער צײַטונג „זאַפּאַדנאַיאַ אָקראַינאַ". אין יידיש האָט ער דעביוטירט מיט אַ ליד אין „פרײַנד" אין יולי 1904. צו יענער צײַט איז ער צוגעשטאַנען צום „בונד", פיל חדשים איז ער געזעסן אין די תפיסות. נאָכן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם איז ער, צוזאַמען מיט די עלטערן, אַריבערגעפאָרן קיין לאָדזש. דאַן פאַרעפנטלעכט ער לידער אין פאַרשידענע צײַטונגען און זאַמלהעפטן. זײַן ערשטע לידער־זאַמלונג אונטערן טיטל „שטילע טרוימען" — 1909, װאַרשע — איז גינ־

סטיק אויפגענומען געוואָרן פון דער קריטיק. ער האָט אויך געשריבן לידער אין פּראָזע, מיניאַטורן און סקיצן. זײַן פּאָעמע „קאַזשימיעזש" — וואַרשע, 1912 — איז איינס פון זײַנע שענסטע און רײַפסטע ווערק. צו יענעם ערשטן פּעריאָד פון זײַן שאַפן, ווען סעגאַלאָוויטש האָט זיך דערהויפּט אָפּגעגעבן מיט לירישער פּאָעזיע, געהערן אויך די לידער וואָס זענען אַרײַן אין דער זאַמלונג „ווען די זון פאַרגייט" — וואַרשע, 1914 — די באַלאַדע „רייזעלע דעם שוחטס" ווי אויך די דראַמאַטישע פּאָעמע „די וואַנט".

די צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער פאַרבראַכט אין רוסלאַנד. ער איז געווען מאָביליזירט און אַ געוויסע צײַט געדינט אין מיליטער. זײַנע איבערלעבונגען פון יענעם פּעריאָד האָט ער געשילדערט אין בוך „מעשיות פון דער קאַזאַרמע". נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע איז ער באַפרײַט געוואָרן, געלעבט אין פאַרשידענע שטעט ,מאָסקווע און קיִעוו, פאַרעפנטלעכט איניקע נײַע זאַמלונגען פון זײַנע ווערק: „די גאָלדענע פּאַווע", „אַ לעגענדע וועבט זיך", לירישע לידער", „מיניאַטורן", „בלויקייט". אָנהויב 1919 איז ער דורך ווילנע צוריקגעקומען קיין פּוילן און זיך באַזעצט אין וואַרשע. אַ פּאָר מאָל אויך באַזוכט די גרויסע ייִדישע צענטערס אין מערב־אייראָפּע, ווי לאָנדאָן און פּאַריז. אויפגעטראָטן מיט פאָרלעזונגען אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, זיך באַטייליקט דער הויפּט אין „לאָדזשער טאָגעבלאַט", „הײַנט", „לאָנדאָנער צײַט", ניו־יאָרקער „טאָג", אין די זאַמלהעפטן „רינגען", „ליטעראַרישע בלעטער" און אַנדערע ווו אחוץ לידער, נאָוועלן, רײַזע־איינדרוקן, אַרטיקלען אויף ליטעראַרישע טעמעס האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט אַ ריי גרעסערע ווערק. אַ באַזונדער גרויסן דערפאָלג צווישן די ברייטסטע לייענער־קרײַזן האָבן געהאַט זײַנע ראָמאַנען „די ווילדע צילקע" און די אויטאָגראַפישע טרילאָגיע „זעליקס יאָרן". דער ערשטער טייל „אייביק איינזאַם", צווייטער טייל „דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל", און דער דריטער טייל „אונדזער פרוי". צו דער דאָזיקער טרילאָגיע שליסט זיך אויך אָן זײַן עפּאָכע־שילדערונג פון 1905 „ראָמאַנטישע יאָרן", געווידמעט זײַן היימשטאָט ביאַליסטאָק. אין דעם דאָזיקן בוך באַשרײַבט ער זײַנע זכרונות און איבערלעבונגען אוים דער צײַט ווען ער האָט זיך באַטייליקט אין דער רוסישער פרײַהייטס־באַוועגונג. מאָמענטן פון דער צווייטער רוסישער רעוואָלוציע האָט ער געשילדערט אין זײַן בוך „פון רוסלאַנד, פון דער רעוואָלוציע". צווישן די נײַע זאַמלונגען פון לידער און דערציילונגען, וואָס ער האָט דאַן אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרעם, האָט אַ באַזונדערן אײַנדרוק געמאַכט „קרימער נעכט", נאָוועלעס און בילדער פון קרים. האָט אויך איבערגעזעצט גאַגאָלס „דער רעוויזאָר", וואָס איז מיט גרוים דערפאָלג אויפגעפירט געוואָרן אויף דער ייִדישער בינע פון פּוילן און אַמעריקע.

אַ באַזונדערן חן גיט צו צו דער פּאָעזיע זײַנער דער יוגנטלעכער ראָמאַנטיזם, וואָס קומט באַזונדער שטאַרק צום אויסדרוק אין זײַן דראַמאַטישן עטיוד „די וואַנט", איינס פון זײַנע שענסטע ווערק, וואָס איז אויך אויפגעפירט געוואָרן פון דראַמאַטישע קרײַזן. סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַנען האָבן געהערט צו די געלייענטסטע ווערק פון דער מאָדערנער ייִדישער בעלעטריסטיק.

נישט צו טיף אין זײַן שאַפן, אָפט צו סענטימענטאַל, צו ווייניק אָריגינעל אין דער שילדערונג און כאַראַקטעריזירונג פון זײַנע טיפּן און געשטאַלטן, גרינג און גלאַט אין דער שפּראַך, איז ער צוטריטלעך און פאַרשטענדלעך פאַר דעם ברייטסטן לייענער־עולם, אויף וועלכן ער ווירקט מיט זײַן אומגעקינצלטקייט, נישט־פּרעטענציעזקייט און אויפריכטיקייט. איניקע פון זײַנע לידער און נאָוועלעס זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף רוסיש, פּויליש, רומעניש, פראַנצויזיש און דײַטש.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך געראַטעוועט אינעם ראַטן־פאַרבאַנד, פון וואַנען ער איז אַוועקגעפאָרן קיין ישׂראל, ווו ער האָט אויסגעוויטיקט זײַן צער אין אַ ריי לידער און פּאָעמעס, ווי: „געברענטע טריט", „אַ דאָרן וואָס ברענט", „מײַנע 7 יאָר אין תּל־אביב". אויף אַ טור אין נאָרד־אַמעריקע איז זיסמאַן סעגאַלאָוויטש געשטאָרבן אין יאָר 1949.

---

## עטינגער שלמה

געבוירן אַרום 1801 אין וואַרשע, אין אַ יחוסדיקער לומדישסוחרישער משפּחה. זײַן פאָטער איז יונג געשטאָרבן, און עטינגער איז דערצויגן געוואָרן בײַם פאָטערס אַ ייִנגערן ברודער ר' מענדל, רב אין לענטשנאָ, וועלכער איז פאַר יענער צײַט געווען, ווײַזט אוים, גענוג פרײַדענקעריש און אַפילו געשמט אַלס קענער פון דײַטש. שלמהלע איז אויפגעצויגן געוואָרן בײַם פעטער אין פרומקייט און ייִדישקייט, אָבער ער האָט אויך באַקומען אַ ידיעה אין דײַטש און געכאַפּט אַפילו אַ שטיקל באַקאַנטשאַפט מיט די ספרים חיצונים, אַזוי אַז שוין פון קינדווײַז אָן האָבן זיך תּורה און חכמה בשלום פאַראייניקט אין אים, און ער האָט נישט געדאַרפט דורכמאַכן דעם ריס צווישן טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט און וועלטלעכער בילדונג, ווי דאָס איז געווען דער כּלל בײַ אַנדערע שרײַבערס און טוערס פון דער השׂכּלה־עפּאָכע.

צו 15 יאָר האָט אים דער פעטער חתונה געמאַכט פאַר דער ייִנגסטער טאָכטער פון דעם גביר יהודה־לייב וואָלף אין זאַמאָשטש. מיט דער צײַט אָבער האָט זיך עטינגער געמוזט פאַרטראַכטן וועגן אַ תּכלית, און ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אָדעס, וואָס האָט דאַן געהאַלטן אין צעבליִען זיך אַלס גרויסער האַנדלס־צענטער. אָבער אויך אין אָדעס האָט ער זיך נישט געקענט צושלאָגן צו עפּעס, און לויט דער עצה פון דעם גרויסן גביר און יחסן ר' יעקב נאַטאַנזאָן, אַליין אויך אַ פּוילישער ייִד, און מיט דער אונטערשטיצונג פון שוואָגער, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין לעמבערג שטודירן. ער האָט זיך געמוזט שיידן מיט זײַנע טראַדיציאָנעלע ייִדישע מלבושים און אין 1825 איז ער אָנגעקומען אין דעם מעדיצינישן אינסטיטוט, צוגרייטנדיק זיך פריִער אין דײַטש און לאַטיין. אין 1830 געענדיקט זײַן שטודיום און צוריקגעקומען קיין זאַמאָשטש. עטינגער האָט נישט געטאָרט פּראַקטיצירן אַלס מעדיצינער כּל זמן ער האָט נישט אָפּגעגעבן דעם מלוכה־עקזאַמען בײַם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. אָבער איידער ער האָט באַוויזן דורכצוגיין דעם געפאָדערטן קורס, איז אויסגעבראָכן דער נאָוועמבער־אויפשטאַנד. בשעת דער שרעקלעכער כאָלערע־עפּידעמיע, וואָס דאָס רוסישע מיליטער האָט פאַרשלעפּט קיין פּוילן זומער 1831, איז עטינגער צוגעצויגן געוואָרן צו דער מעדיצינישער הילפסאַרבעט, וואָס ער האָט געטאָן מיט דער גרעסטער מסירת נפש, און אַ דאַנק דעם האָט ער אויך שפּעטער, ווען דער אויפשטאַנד איז ליקווידירט געוואָרן און ער האָט זיך צוריק אַריבערגעצויגן קיין זאַמאָשטש, נישט געהאַט מצד דער מאַכט קיין שטערונגען צו פאַרנעמען זיך מיט דער מעדיצינישער פּראַקטיק, וועלכע ער האָט געהאַט לרוב, הגם מאַטעריעל איז אים נישט געגאַנגען איבעריק גוט.

זײַן גרעסטע טראַגעדיע איז געווען וואָס ער האָט נישט דערלעבט צו זען קיין איין שורה פון זײַנע ווערק געדרוקט, הגם גע־

שטרעבט דערצו האָט ער אַלע זײַנע יאָרן. אָנגעהויבן צו שרײַבן האָט ער נאָך, ווײַזט אויס, אַלס סטודענט אין לעמבערג אונטער דער ווירקונג פון אַ פּאָר ייִדישע ביכלעך — „די געגנאַרטע וועלט״ און „אַלטעלי״ — אַ באַאַרבעטונג פון ראָבינסאָן קרוזאָ. — זײַנע ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון זענען געווען משלים און עפּיגראַמען, און אַז זיי זענען דעם עולם שטאַרק געפעלן געוואָרן, האָט ער זיי פאַרפאַסט אין אַ גרויסער צאָל און איז אַריבער צו טעאַטער־שטיק. צו יענער צײַט געהערט מן הסתם אויך זײַן קאָמעדיע „סערקעלע״.

דעם 24טן מײַ 1843 האָט דער באַוווּסטער אַנטאָני אײַזענבוים, עטינגערס אַ גוטער פרײַנד, אָנגעגעבן אַ בקשה צום קוראַטאָר פון ווארשעווער לערנקרײַז, מ׳זאָל דערלויבן דרוקן „סערקעלע״ און די „משלים״, אָנווײַזנדיק דערבײַ אַז „אַזוינע ווערק זענען צוטריטלעך פאַר אַלע קלאַסן ייִדן. זיי שטעלן אַרויס אין לעבעדיקע פאַרבן די חסרונות און לעכערלעכקייטן, זיי מאָלן טרעפלעך און קאָמיש דעם גאַנצן ייִדישן שטייגער ריידן, און דעריבער קענען זיי האָבן אַ דערלייזנדיקע השפּעה אויף די מוחות״. אין דער דאָזיקער השתדלות האָט עטינגער אויך געהאָפט אויף דער פּראָטעקציע פון זײַן פרײַנד יעקב טוגענדהאָלד — דער ווארשעווער צענזאָר — אָבער די צענזור האָט אומברחמנותדיק פאַרקריפּלט עטינגערס כתבים, צו דעם גרעסטן עגמת־נפש פון מחבר; און דער סוף איז געווען אַז פון זײַן פּלאַן אַרויסצוגעבן זײַנע ווערק איז גאָרנישט אַרויסגעקומען.

געשטאָרבן איז ער פּלוצלונג ד׳ טבת 1856 אין זשדאַנאָוו, און באַגראָבן האָט מען אים אין זאַמאָשטש.

ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך זײַן טויט הייבן זיך אָן צו באַווײַזן געדרוקט זײַנע זאַכן, וואָס זענען מסתמא געווען פאַרשפּרייט צווישן זײַנע פרײַנד. די מערערע אויסגאַבעס פון זײַנע ווערק, וואָס זענען דערשינען, זענען געווען פאַרגרײַזטע און צעקריפּלטע. ערשט אין 1925 האָבן עטינגערס ווערק באַקומען אַ תיקון דורך דער פולשטענדיקער קריטישער אויסגאַבע פון „אַלע כתבים פון ד״ר שלמה עטינגער״, אַרויסגעגעבן לויט די מאַנוסקריפּטן מיט אַ ביבליאָגראַפישן און ביאָגראַפישן אַרײַנפיר און מיט הערות פון ד״ר מאַקס ווײַנרײַך. פאַר דער דאָזיקער אויסגאַבע האָט ווײַנרײַך אויסגענוצט דעם דיכטערס עזבון וואָס האָט זיך געפונען טיילווײַז אין רשות פון נח פּרילוצקי און דאָס רוב אין באַזיץ פון נתן שאַפּיראָ, אַ זון פון עטינגערס טאָכטער דאָראָטיע.

שלמה עטינגער איז געווען דער גרעסטער ייִדישער שריפטשטעלער פון דער פאַרמענדעלערישער עפּאָכע. עטינגערס ווערק זענען געשאַפן געוואָרן אין דעם צווייטן פערטל פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אין דער צײַט, אַלזאָ, ווען די השכלה האָט שוין געהאַט פאַרשפּרייט איר השפּעה איבער די באַדײַטנדיקסטע פאָרשטייערס פון דער נײַער ייִדישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד און גאַליציע. און דאָך האָט עטינגער באַוויזן בײַצושטיין קעגן די נעגאַטיווע זײַטן פון דער אויפקלערערישער באַוועגונג, מיט איר פאַראַכטונג צו דער לעבעדיקער ייִדישער פאָלקסטימלעכקייט, און צום בולטסטן אויסדרוק פון דער דאָזיקער פאָלקסטימלעכקייט — דער ייִדישער שפּראַך. זײַנע ווערק האָבן נאָך עד היום נישט נאָר אַ קולטור־היסטאָרישן, נאָר אויך אַ ריין ליטעראַריש־קינסטלערישן ווערט.

---

## פּאָזנאַנסקי שמואל אברהם (1921—1864)

געבוירן אין לובראַניעץ, לעבן וולאָצלאַוועק, אַלס זון פון אַ



סוחר. דערצויגן געוואָרן אין ראַציאָנזשעק, וווּ ביז 16 יאָר געלערנט אין דער היים מיט אַ מלמד און מיטן פאָטער, דערנאָך אין דער פּוילישער „דיקשטיין־שול״ און אין פּאַנקעוויטשעס רעאַלגימנאַזיע אין ווארשע. זינט 1887 שטודירט אין דער „לערן־אַנשטאַלט פאַר דער וויסנשאַפט פון ייִדנטום״ אין בערלין און אין אוניווערסיטעט אין היידעלבערג, וועלכן ער האָט אין 1895 געענדיקט מיטן טיטל ד״ר פילאָסאָפיע פאַר זײַן דיסערטאַציע וועגן משה בן שמואל הכהן אבן נקטילה (געדרוקט אין לײַפּציג אויף די מיטלען פון זײַן פרײַנד איגנאַץ בערנשטיין). זינט 1897 געווען פּריידיקער אין דער ווארשעווער סינאַגאָגע, צו ערשט אַלס געהילף פון ד״ר צילקאָוו, דעם איבערזעצער פון תנך און מחזור אויף פּויליש, און נאָך צילקאָווס טויט (1908) אַלס ערשטער פּרײַדיקער. האָט גענומען אַ טעטיקן אָנטייל אין דעם יאַהודיש־ציוניסטישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ווארשע, זייער פיל אויפגעטאָן פאַר דער סינאַגאָגע־ביבליאָטעק, באַזונדער זי באַרײַכערט אויפן געביט פון דער יודאַיִסטישער וויסנשאַפט. איינער פון די באַדײַטנדיקסטע פאָרשטייער פון דער דאָזיקער וויסנשאַפט, לאַנגיעריקער סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט „מקיצי נרדמים״ (אַרויסצוגעבן מפרשים, וואָס זייערע פירושים זענען נאָך נישט פאַרעפנטלעכט), האָט פּאָזנאַנסקי אין זײַנע וויסנשאַפטלעכע ווערק זיך דער הויפּט אָפּגעגעבן מיט דער תקופה פון די גאונים, מיט די קראים און אחוץ דעם פאַרעפנטלעכט 784 אַרטיקלען אין פאַרשידענע ענציקלאָפּעדיעס און צײַטשריפטן אין דײַטש, פּויליש, העברעיִש, פראַנצויזיש, ענגליש א״א (אָנהייבנדיק פון דער „הצפירה״ 1889 ביז דעם פּויליש־ייִדישן „נאַש קוריער״ 1921), פון זיי בלויז 5 אין ייִדיש — אין „הײַנט״ און אין „יודישן פאָלק״.

---

## פּאַפּיערניקאָוו יוסף (1899)

געבוירן אין ווארשע. זײַן פאָטער, אַ קצב, אַ הייסער ציוניסט, פון די ערשטע חובבי־ציון, האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו צאָלן פאַר אים שכר־לימוד און נאָך 2 יאָר חדר איז ער צו 10 יאָר געוואָרן אַ משורר בײַם קאַנטאָר גרשון סיראָטאַ אונטער דער דיריגענטשאַפט פון לעאָ ליאָוו און 5 יאָר געזונגען אין דער ווארשעווער כאָרשול. מגולגל געוואָרן בשעת דער מלחמה קיין ליטע, האָט ער דאָרט אָנגעשריבן זײַן ערשטע זאַך, די פּאָעמע „דאָס פעלד״, מיט וועלכער ער האָט דעביוטירט אין י. מ. ווייסענבערגס „יודישע זאמלביכער״ 3. שפּעטער, וווינענדיק אין ווארשע, פאַרעפנטלעכט לידער, אויך אַרבעטער־לידער און רעוואָלוציאָנערע, אין די אָרגאַנען פון די לינקע פּ״צ „אַרבעטער־צײַטונג״, „אַרבעטער־וועלט״, אין די יוגנטלעכע מאָנאַטשריפטן „די יוגנט־פאָן״, „דער נײַער דור״, „די פרײַע יוגנט״, אויך אין אַנדערע סאָציאַליסטישע און ליטעראַרישע צײַטשריפטן, צ״אַ אין „דעם חודש״ א״ר פון ש. ראָזנפעלד, די זמ״ב „אויפן וועג״ (ווארשע 1920), „אויפגאַנג״ (לאָדזש 1924), ווייסענבערגס „שטראָם״ און „אונדזער האָפענונג״, די וואָכנבלעטער „פאַר גרויס און קליין״ א״ר פון ל. מלאך, „דער אַמעריקאַנער״, שיקאַגער „קולטור״, דעם אָרגאַן פון די פּ״צ אין א״י „די פאָן״ (תל־אביב 1924).

פּאַפּיערניקאָוו איז מחבר פון אַ ריי ביכער פּאָעזיע: „אין זוניקן לאַנד״, „רויט אויף שוואַרץ״, „מן הטנא״, „פון רויטן פראָנט״, „אונטער שוואַרצע הימלען״, „היימוויי״, „געקליבענע לידער״ א״אַ. געפינט זיך הײַנט אין ישראל.

---

## פּערלע יהושע (1888)

געבוירן אין ראָדעם. זײַן פאָטער איז געווען אַ דאָרפסמאַן, האָט געהאַנדלט מיט היי, און פון אים האָט פּערלע געירשנט די ליבע צו פּוילן און צום פּוילישן דאָרף. בײַ 12 יאָר געלערנט אין חדר, דערנאָך אַוועקגעגעבן געוואָרן אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט, נישט געקענט זיך לאַנג דאָרט האַלטן, אָנגעקומען צו אַ שלאָסער, פון אים אין גיכן אַנטלאָפן און אַ דאַנק דער ווירקונג פון דער מוטער זיך אָנגעהויבן צוצוגרייטן צו דער גימנאַזיע, דורכגעמאַכט פיר קלאַסן, אָבער צוליב אַ ראָמאַנטישער געשיכטע (1905) אַוועק קיין וואַרשע ווו ער איז ביז לעצטנס געווען באַשעפטיקט אַלס באַנקאָנגעשטעלטער. — די ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון האָט פּערלע געמאַכט צו 16 יאָר אין רוסיש — האָט געשריבן ציוניסטישע לידער, געפּרוּווט איבערזעצן ייִדישע שריפטשטעלער. שפּעטער האָט ער זיך נענטער באַקענט מיט דער ייִדישער ליטעראַטור און אין 1908 דעביוטירט מיט אַ בילד „שבת" אין זמ"ב „דער נײַער גײַסט" א"ר פון נח פּרילוצקי. זינט דאַן האָט ער אין פאַרשידענע צײַטשריפטן און זמ"ב, ווי אויך אין באַזונדערע אויסגאַבעס פאַרעפנטלעכט סקיצן, נאָוועלעס, ראָמאַנען, וועלכע האָבן אים סוף־כל־סוף אַרויסגערוקט אַלס איינעם פון די באַגאַבטערע פאָרשטייער פון דער נײַער ייִדישער בעלעטריסטישער פּראָזע אין פּוילן מיט זײַן נייגונג צו סענטימענטאַל־ראָמאַנטישער שילדערונג פון דעם ייִדיש־פּוילישן שטעטל, פון פּרימיטיווע פאָלקסמענטשן, פון אונטערוועלט־פאַרשוינען, געהערט פּערלע צו די עפּיגאָנען פון דעם אַש און ווײַסנבערג־שטייגער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אָבער לײַדט שטאַרק פון צעצויגנקייט. אין זײַנע ווערק, ווי למשל, די דערציילונגען „ציפּערן" (אין „וואַרשעווער אַלמאַנאַך" 1923) „אַן אָרנטלעכע פרוי" („וואַרשעווער שריפטן" 1926), פאַר וועלכע ער האָט באַקומען די דריטע פּרעמיע אין דעם ליטעראַרישן קאָנקורס פון „טאָג", האָט ער איבערגעריסן מיט דער פאַרפּוילישטער סענטאַמענטאַלישקייט און פאַרליטעראַרישקייט, אָנגעהויבן צו שרײַבן מער קאָנסטרוקטיוו און איינהײַטלעך, זיך אָנשליסנדיק אָן דער מאָדערנער ריכטונג פון דעם ייִדישן נעאָנאַטוראַליזם. אַ גרויסן אָרט פאַרנעמט אין פּערלעס שאַפן דער עראָטישער עלעמענט, און אין זײַן ראָמאַן „מירל" — איינעם פון זײַנע בעסטע ווערק — ווי אויך אין אַ גאַנצער ריי נאָוועלעס שילדערט ער די פרוי מיט איר בענקשאַפט, מיט איר ליבע, מיט איר פלירט און מיט איר פּוסטקייט, נישט אויסמײַדנדיק די דראַסטישקייט פון באָקאַטשיאָ־מאָטיוון און באָקאַטשיאָ־סצענעס. ער איז אַ גוטער קענער פון דער ייִדיש־פּוילישער פרוי, דער פאָלקסטימלעכער, דער בירגערלעכער, דער אַסימילירטער, און שילדערט אויך די מענטשן פון דער גרויסער שטאָט מיט זייערע שוואַכקייטן און זייערע טראַגעדיעס, אַרויסווײַזנדיק אַ שאַרף אויג און אַ חוש פאַר פּלאַסטישער געשטאַלטונג. דער סטיל פּערלעס איז אַ געלאַסענער ,אַ ביסל אַן איינטאָניקער, די שפּראַך — אַ קערנדיקע און אַ זאַפטיקע, נישט גאָר פרײַ פון פּראָווינציאַליזמען.

פון זײַנע ווערק זענען אין בוכפאָרעם אַרויס: „מירל" (פ"ג „די צײַט" וואַרשע 1920) — אַ ראָמאַן (געווידמעט שרהן — זײַן פרוי, וועלכע איז אין 1926 באַגאַנגען זעלבסטמאָרד), „אין לאַנד פון דער ווײַסל" (דער זעלבער פאַרלאַג 1921) — אַ פּאָעמע אין פּראָזע ,ווו אויפן פאָן פון דעם ייִדיש־פּוילישן לעבן ווערט געשילדערט ווי אַזוי אַ פּריצישע טאָכטער פאַרפירט אַ ייִדיש מיידל צו שמד, „אונטער דער זון (פ"ג ברידער לעווין עפּשטיין וואַרשע, 1920), „זינד" — נאָוועלע (פ"ג ש. יאַטשקאָווסקי — ח. בזשאָזע, וואַרשע, 1923). פּערלע האָט אויך געשריבן ליטעראַרישע און קריטישע עסייען, דער הויפּט אין „ליטעראַרישע בלעטער", איבערגעזעצט דאָס קינדערבוך פון דעם פּויליש־ייִדישן שריפטשטעלער און פּעדאַגאָג יאַנוש קאָרטשאַק (גאָלדשמיד) „משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך" (פ"ג „די צײַט" וואַרשע, 1921), וואַצלאַוו שערעשעווסקיס „מאַן און ווײַב" (פאַרן פ"ג ברידער לעווין־עפּשטיין), „באָרנהאָלמער לעגענדעס" פון דער דענישער שריפטשטעלערן אָלע סווענסען. זײַן ראָמאַן „מירל" איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעיִש פון מ. אינדעלמאַן א"ט „בת חוה" (פאַרלאַג „צענטראַל", וואַרשע, 1920).

אין 1937 דערשיינט זײַן כמעט אויטאָביאָגראַפיש בוך „ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר", וואָס איז אין זעלבן יאָר פּרעמירט געוואָרן פון „ייִדישן פּענקלוב אין פּוילן" און פון דער ליטעראַטור־פּרעמיע פון בונד. אין 1940 איז פּערלע אַנטלאָפן פון די נאַציס קיין לעמבערג, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער סאָוועטישער מאַכט. בעתן נאַציישן איבערפאַל אויפן ראַטן־פאַרבאַנד איז ער מיטן מענטשנשטראָם צוריקגעקומען קיין וואַרשע און ווי ס'זעט אויס האָט ער דאָרט מיטגעאַרבעט מיט רינגעלבלומען. אין צווייטן טייל פון רינגעלבלומס אַרכיוו האָט מען געפונען פּערלעס צוויי אַרבעטן, וואָס זענען שווידערלעכע באַשולדיקונגען קעגן דעם „יודנראַט" און זײַן ייִדישער פּאָליציי. איין אַרבעט אין פאָרעם פון אַ פעליעטאָן אונטערן נאָמען „נומער 4850" (דאָס איז זײַן רעגיסטער־נומער, באַקומען פונעם וואַרשעווער „יודנראַט") איז אַ בלוטיקער חוזק איבערן ייִדישן קאָלאַבאָראַציאָניזם. זײַן צווייטע אַרבעט „חורבן וואַרשע" האָט אַרויסגערופן אַ פאַרביסענע פּאָלעמיק מצד די רעאַקציאָנערע שרײַבער וואָס ווילן אָפּפרעגן די אוממענטשלעכע אויפפירונג פונעם „יודענראַט" לגבי די געטאָ־אָרעמקייט. די פאַקטן און דאַטעס וואָס פּערלע ברענגט אין דער דאָזיקער אַרבעט זענען פולשטענדיק באַשטעטיקט געוואָרן דורך געפונענע דאָקומענטן אין רינגעלבלום־אַרכיוו — טיילווײַז שוין פאַרעפנטלעכטע אין רינגעלבלומס „טאָגבוך פון געטאָ" —

יהושע פּערלע, דער סענטימענטאַליסטישער, באַשיידענער בעל־כּהאַלטער האָט זײַן לעבן אין וואַרשעווער געטאָ פאַרענדיקט אַלס קעמפער. אומגעקומען איז ער דורך די נאַצישע רוצחים אין איינעם פון די גאַזאָוויוונס אין פּוילן.

---

## פּראָפּוס יצחק יעקב (1880)

געבוירן אין מיטאַווע, קורלאַנד. ביז 15 יאָר געלערנט תלמוד אין בויסק, געשמט פאַר אַ ווילנער, אַ פּאָר יאָר שפּעטער אַוועק קיין קאָוונע, ווו זיך אויך אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מיט אַלגעמיינע לימודים. דאָרט זיך באַקענט מיט אברהם רײַזען און א. ווײַטער און אָנגעהויבן צו שרײַבן. זײַנע ערשטע לידער זײַנען געדרוקט געוואָרן אין אַמעריקע און דערנאָך אויך אין „יוד" און „פרײַנד". אין א. רײַזענס אויסגאַבעס א"אַ. אַ זאַמלונג פון זיי איז אַרויס אין בוכפאָרעם א"ט „לידער" (פ"ג פון „פרײַנד", פּעטערבורג 1905). אין דער הומאָריסטישער אויסגאַבע פון „פרײַנד" (דער בעזעם) און איי‌ניקע ענלעכע אויסגאַבעס האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט סאַטירישע לידער אויף פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס א"פ דאָס מוזיניקל, שמעטערלינג א"אַ. ער האָט אויך איבערגעזעצט די דערציילונגען פון מ. ז. פײַערבערג „דאָס קעלבל" (פ"ג „נײַע ביבליאָטעק", פּעטערבורג 1904), „אין אָוונד", „די קמיע" (פ"ג „קולטור", מינסק 1905), און דעם ראָמאַן פון דזשעק לאָנדאָן „די שטים פון בלוט" (פ"ג „יודיש", וואַרשע 1917), אחוץ קלענערע זאַכן אין „פרײַנד", ווו ער האָט געאַרבעט אַלס קאָרעקטאָר די

גאַנצע צײַט פון איר עקסיסטענץ, מיטהעלפנדיק בײַם פאַרפעסטיקן די איינהײַטלעכע ייִדישע אָרטאָגראַפיע, וועלכע איז געווען גילטיק ביז די רעפאָרמען פון די לעצטע יאָרן. צוזאַמען מיטן „פרײַנד" איז פּראָפּוס אַריבער פון פּעטערבורג קיין וואַרשע, ווו ער האָט זיך לויט דער אָנרעגונג פון י. ל. פּרץ אָפּגעגעבן מיט זאַמלען ייִדישע פאָלקסלידער, געווען איינער פון די מיטגרינדערס און פאָרזיצער פון דעם „אַרטיסטיש ווינקעלע", וואָס האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין דער געשיכטע פון דעם ייִדישן טעאַטער, זיך אויך באַטייליקט אין די „הזמיר"־אָוונטן אונטערן פאָרזיץ פון י. ל. פּרץ. נאָך דער אָפּשטעלונג פון „פרײַנד", בײַם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער געאַרבעט אין דער צײַטונג „דער מאָרגנשטערן", וואָס איז דאַן אַרויס בײַ דער „הצפירה", און דערנאָך אַרײַנגעטרעטן אין דער רעדאַקציע פון „מאָמענט", ווו ער איז געווען סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע. ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין דעם „יודישען פאָלק", וואַרשע. אין פּראָפּוסעס באַזיץ איז געווען אַ גרויסע קאָלעקציע ווערטפולע בריוו פון י. ל. פּרץ, י. דינעזאָן, ש"ע, א. רייזען, ש. פרוג, י. ח. ראַבניצקי, שאול גינזבורג, ש. אַנ־סקי א"אַ.
פּראָפּוס איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

---

## פּינסקי דוויד

געבוירן אין מאָהילעוו, אוקראַינע, דעם 5טן אַפּריל 1872, געפינט זיך איצט אין ישראל.

דוויד פּינסקיס טעטיקייט אין וואַרשע פאַלט אויס אין די יאָרן 1892—1896. נאָכן גירוש מאָסקווע, ווען זײַנע עלטערן זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זייער גוט אײַנגעפונדעוועט לעבן אין דער אַלטער רוסישער הויפּטשטאָט, האָבן זיי זיך באַזעצט אין וואַרשע. דער 19יעריקער דוויד איז פריִער אָפּגעפאָרן קיין ווין, ווו ער האָט אָנגעהויבן שטודירן מעדיצין, אָבער שוין אין אָנהייב 1892 פאַרלאָזט ער ווין און קערט זיך אום צו די עלטערן קיין וואַרשע. דאָרט ווערט ער אַ לערער און גלײַכצײַטיק הייבט זײַן נאָמען אָן צו דערשײַנען אין די דעמאָלטדיקע זאַמלביכער און ייִדישע צײַטשריפטן. דאָס מיינט ניט אַז פּינסקי האָט ערשט דאַן אָנגעהויבן צו שרײַבן. ליטעראַרישע פּרוּוון האָט ער נאָך געמאַכט אין די קינדעריאָרן און אין עלטער קוים פון עלף יאָר האָט ער שוין געהאַט פאַרפאַסט אַ דראַמע, וואָס איז אַגב כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַן ווידמענען זיך שוין אין די רייפערע יאָרן דער עיקר דער דראַמאַטורגיע. ווען פּינסקי האָט, אין יאָר 1891, אויף זײַן וועג קיין ווין זיך אָפּגעשטעלט אין וואַרשע, האָט ער דאַן מיט זיך מיטגעבראַכט אַ סאַטירע אויף ייִדישע כּלל־טוער אונטערן נאָמען: „דער גרויסער מענטשנפרײַנד", וואָס עס האָט שפּעטער פאַרעפנטלעכט מ. ספּעקטאָר אין זײַן „הויז־פרײַנד". נאָך דעם דאָזיקן „דעביוט" האָט פּינסקי פאַרעפנטלעכט אין דעם זעלבן „הויז־פרײַנד" אַ סאַטיריש־הומאָריסטישן פעליעטאָן און אַ פּובליציסטיש־קריטישן אַרטיקל, מיט וואָס ער האָט שטאַרק געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט אין די ייִדיש־ליטעראַרישע קרײַזן. דערנאָך דערשײַנט אין ה. עפּעלבערגס אויסגאַבע: „וואַרשעווער ייִדישער קאַלענדאַר" פּינסקיס דערציילונג: „אַראָפּ דער יאָך" און אין פּרצעס „ייִדישע ביבליאָטעק" ווערן פאַרעפנטלעכט זײַנע גאַסנבילדער אונטערן טיטל „קליינקייטן". דאָס באַציט זיך צום יאָר 1893. און ס'איז באַזונדער וויכטיק וואָס אין פּרצעס אויסגאַבע האָבן זיך געלאָזט הערן נײַע טענער, נישט באַקאַנטע ביז דאַן אין דער ייִדישער ליטעראַטור — טענער פון קאַמף קעגן דער ייִדישער רעאַקציע, וואָס האָט זיך דאַן פאַרמאַסקירט אונטער דער באַוועגונג פון „חיבת ציון" און „שפה ברורה" און קעגן וועלכער ס'ווערט גערופן דער ייִדישער אַרבעטער צו וואַכזאַמקייט און פּראָטעסט. פּינסקי האָט זיך שוין דאַן געהאַט דערנענטערט צו די קאָנספּיראַטיווע אַרבעטער־קרײַזן און ער האָט טאַקע אויך אַרײַנגעפירט פּרצן, מיט וועלכן ער האָט זיך זייער באַפרײַנדעט. פּינסקי איז דאַן געווען מיט דער מיינונג, אַז די ייִדישע ליטעראַטור דאַרף דינען אַלס ווערקצײַג פאַר דער נײַער סאָציאַלער באַוועגונג און דאַרף אַהין אַרײַנפירן דעם אַרבעטער און אָנרעגן אים צו דערוואַכונג. אויף דער איניציאַטיוו פון פּרצן און פּינסקין איז צו יענער צײַט געשאַפן געוואָרן אין וואַרשע אַ קרײַז ייִדישע סטודענטן מיטן צוועק אַרויסצוגעבן און פאַרשפּרייטן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע בראָשורן און ביכער פאַר די ייִדישע מאַסן. ביידע האָבן אָנגעפירט מיטן סטודענטן־קרײַז — און ס'איז טאַקע באַלד געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלער פאַרלאַג אונטערן נאָמען „י. ל. פּרץ־אויסגאַבע", פאַר וועלכן פּינסקי האָט אָנגעשריבן אַלס אַרײַנפיר אַ ספּעציעלע דערציילונג, וואָס האָט געדאַרפט אויפווײַזן דעם נוצן פון בילדונג און וויסנשאַפט און וואָס האָט געהייסן „ר' שלמה".

עס קומען דערנאָך פּינסקיס אייניקע באַאַרבעטונגען, אָדער אייגענע זאַכן, וואָס האָבן דעם ציל צו לערנען און אויפקלערן, ווי: „די אַפּפען", „דער גרויסער מענטשנפרײַנט" און „אַראָפּ דער יאָך" (דערשינען אין פאַרלאַג יצחק גוידאָ, ווילנע 1894).

דער געגרינדעטער סטודענטן־קרײַז האָט נישט געהאַט קיין אריכות ימים און ווען ער איז זיך צעפאַלן, זענען פּרץ און פּינסקי צוגעטרעטן אַרויסצוגעבן דאָס זאַמלבוך „ליטעראַטור און לעבן". פאַר דעם צוועק האָבן זיי אויך צוגעצויגן ספּעקטאָרן, וועמעס שוועגערין האָדל קויפמאַן (זייט 1897 פּינסקיס פרוי) האָט דערויף געגעבן 150 רובל. אין „ליטעראַטור און לעבן" האָט פּינסקי פאַרעפנטלעכט זײַן באַקאַנטע דערציילונג „חיים משרת" און דאָרט זענען אויך געווען אָפּגעדרוקט פּרצעס „דאָס שטרײַמל" און „באָנטשע שווייג". די ווירקונג פון די דאָזיקע זאַכן אויף די ייִדישע אַרבעטער איז געווען אַ קאָלאָסאַלע. באַלד דערנאָך האָבן אויך אָנגעהויבן צו דערשײַנען די באַרימטע „יום טוב־בלעטלעך", רעדאַגירט פון י. ל. פּרצן און ווו דוויד פּינסקי איז געווען הויפּט־מיטאַרבעטער.

די רעוואָלוציאָניזירנדיקע ראָלע פון די „יום טוב־בלעטלעך", וואָס האָבן פאַרשפּרייט דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, האָט זיך שטאַרק געמערקט אויף דער ייִדישער גאַס און די ייִדישע אַרבעטער האָבן דאַן פאַרערט נישט נאָר פּרצן, נאָר אויך פּינסקין. וואָס שייך ספּעקטאָרן, האָט אים גאָרנישט געפעלן דער ראַדיקאַלער טאָן פון די „יום טוב־בלעטלעך" און ער האָט זיך באַלד צוריקגעצויגן. פון דער אַנדערער זײַט האָט זיך שוין פּינסקי נישט צופרידנגעשטעלט מיטן כאַראַקטער פון ספּעקטאָרס „הויז־פרײַנד" און ער האָט זיך דאָרט אויפגעהערט צו דרוקן. כּדי צו שאַפן געלטמיטלען פאַר די „יום טוב־בלעטלעך" מאַכט פּינסקי אַ טור איבער דער פּראָווינץ, ווו ער גרינדעט די אַזוי גערופענע „זשאַרגאָניסטישע קאָמיטעטן" און ווו ער לייענט פאַר זײַנע און פּרצעס זאַכן. צוליב די רעפּרעסיעס פון דער צאַרישער מאַכט מוזן זיך אָפּשטעלן די „יום טוב־בלעטלעך" און דערמיט פאַרענדיקט זיך אויך פּינסקיס וואַרשעווער טעטיקייט־פּעריאָד.

אין פרילינג 1896 פאָרט ער אָפּ קיין בערלין, ווו ער טרעט אַרײַן אין אוניווערסיטעט און זעצט גלײַכצײַטיק פאָר זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט. פּינסקי גרינדעט דאָרט דעם פאַרלאַג „צײַט־גײַסט", וואָס גיט אַרויס זײַן דערציילונג „אַ פאַרפאַלענער", ווי אויך אַ פּאָפּולערע בראָשור וועגן דאַרוויניזם פון דאַווידסאָן. אויך האָט דער

יידישער סטודענטן־פאַראיין אַרויסגעגעבן צוויי פינסקיס ביכלעך וועגן פיזיאָלאָגיע „די לערע פון לעבן", בערלין 1897.

פינסקי איז דערנאָך אַריבער אין דער שווייץ, וווּ ער האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם דאָן סענסאַציאָנעלן מיטינג פון די פרייַנד פון יידיש מיט ד"ר חיים זשיטלאָווסקין בראש, וואָס איז פאָרגעקומען אין באַזעל אַ טאָג נאָכן ציוניסטישן קאָנגרעס. צו יענער צייַט האָט שוין פינסקי געשריבן פאַרן ניויאָרקער „אַבענד־בלאַט" אונטערן פסעוודאָנים ד. פולס און אויף דער אייַנלאַדונג פון דער דאָפיקער צייַטונג איז ער סוף 1899 אָפּגעפאָרן קיין ניו יאָרק, וווּ ער ווערט מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָר פון דער בעלעטריסטישער אָפּטיילונג פונעם „אַבענד־בלאַט", ווי אויך פון דער וועכנטלעכער אויסגאַבע „די אַרבעטער צייַטונג". צוליב דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע און דעם וווּקס פון דעם „פאָרווערטס" האָבן ביידע אָרגאַנען אויפגעהערט צו דערשייַנען אין 1902. אין 1904 ווערט געגרינדעט דאָס וואָכנבלאַט „דער אַרבעטער" אונטער דער רעדאַקציע פון יוסף שלאָסבערג און פינסקי ווערט דאָרט שטענדיקער מיטאַרבעטער ביז די אויסגאַבע גייט אונטער אין 1911.

אין די דאָזיקע דרייַ צייַטונגען וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און ליטעראַטור אין נאָרד־אַמעריקע, האָט פינסקי פאַרעפנטלעכט אַ ריי דערציילונגען, קריטיק און אַרטיקלען וועגן טעאַטער, וועלכע זענען שפּעטער אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בוכפאָרעם אונטערן נאָמען „יידישע דראַמאַ", ניו יאָרק 1909. אין „אַרבעטער" האָט פינסקי אויך אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג „אין דעם בונדס ראַיאָן", כדי צו באַקענען די יידישע מאַסן אין אַמעריקע מיט דער טעטיקייט פון בונד אין צאַרישן רוסלאַנד. פינסקי האָט זיך אויך באַטייליקט אין אַנדערע צייַטשריפטן פון אַמעריקע און אייראָפּע, ווי: „צוקונפט", „דער ייִד", „דער פרייַנד". אין 1912 גיט ער אַרויס צוזאַמען מיט יוסף שלאָסבערג אַ ליטעראַריש סאָציאַליסטישן זשורנאַל „די יידישע וואָכנשריפט", פון וועלכן ס'זענען דערשינען 13 נומערן.

נאָכן קעשעניעווער פּאָגראָם ווערט פינסקי דורכגעדרונגען מיט ציוניסטישע שטימונגען און דאָס קומט צום אויסדרוק אין זייַן פאַרעפנטלעכער דראַמע „פאַמיליע צבי", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צו ערשט אין גענף און איבערגעדרוקט באַלד אין ווילנע אין 1905. פינסקי דערנענטערט זיך אַלץ מער צום פועלי־ציוניזם און אין 1916 רעדאַגירט ער דעם פ"צ־אָרגאַן „דער יידישער קעמפער". אין 1922 — ווערט ער שעף־רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער צייַטונג פון דער זעלבער פּאַרטיי „די צייַט".

פינסקי האָט פאַרדינסטן פאַרן דערהייבן דעם קולטורניוואָ פון די יידישע מאַסן אין אַמעריקע. ער באַקעמפט דעם געלן זשורנאַליזם און וועקט אינטערעס פאַר ערנסטער ליטעראַרישער שאַפונג. אין ערשטן פעריאָד פון זייַן שאַפונג איז ער אַקטיוו פאַרבונדן מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אין זייַנע דערציילונגען שילדערט ער די אויפוואַכונג פון פּראָלעטאַרישן און מענטשלעכן פּראָטעסט בייַם יידישן אַרבעטער.

זייענדיק טעטיק אין יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז ער אויך איינער פון די פירער פון דער יידישער טעאַטער־געזעלשאַפט אין ניו־יאָרק, ווי אויך מיטגרינדער פון איר אָרגאַן „טעאַליט". צום מערסטן אינטערעסירט אים טאַקע טעאַטער. זייַן ערשטע דראַמאַטישע שאַפונג, פאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרק אין 1899, איז געווען דער איינאַקטער „יסורים", וווּ ער שילדערט דעם קאַמף צווישן עלטערן און קינדער, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אויפן פאָן פון דער יידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. צו יענער צייַט געהערט אויך זייַן צווייאַקטיקע אַרבעטער־דראַמע „אייזיק שעפטעל". די שפּעטערדיקע האָבן שוין אַלע מער בולטע ציוניסטישע טענדענץ, ווי די שוין דערמאָנטע „פאַמיליע צבי". פאַראַן אָבער אויך בייַ פינסקין פּיעסעס אויף אַבסטראַקטע טעמעס, אינדיווידואַליסטיש־פּסיכאָלאָגישע דראַמעס און נאָך אַנדערע. ס'זענען באַקאַנט זייַנע דראַמעס: „יעדער מיט זייַן גאָט", „גאַברי און די פרויען", „דער לעצטער סך־הכל" און אַנדערע. די צום מערסטן פּאָפּולערע זענען „יאַנקל דער שמיד" און די קאָמעדיע „דער אוצר". די לעצטע איז פריִער אויפגעפירט געוואָרן אויף דער דייַטשער בינע אין בערלין אין יאָר 1910 און דערנאָך ערשט אויף יידיש אין אַמעריקע. אַ סך יאָרן שפּעטער איז דער „אוצר" אַרייַן אין רעפּערטואַר פון וואַרשעווער יידישן קונסט־טעאַטער „וויקט".

פינסקיס באַקאַנטע דראַמע „דער פרעמדער", פאַרעפנטלעכט נאָך אין 1907, באַהאַנדלט מאָמענטן פון משיח־זוכעניש און איז צו ערשט אויפגעפירט געוואָרן פון מאָסקווער העברעיִשן טעאַטער „הבימה". פינסקי האָט שפּעטער געשאַפן אַ צווייטן טייל אויף דער זעלבער טעמע: „דער שטומער משיח", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין 1919 אין יידישן קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק.

פינסקי האָט אויך געשריבן אויף היסטאָרישע טעמעס, מייַנסטן דערציילונגען, וווּ ער ברענגט אַרויס געשטאַלטן פון דער יידישער געשיכטע, ווי: „זרובבל", „די נסיונות פון רבי עקיבא" און „ברוריה".

---

## פרילוצקי צבי

געבוירן געוואָרן אין יאָר 1862 אין קרעמעניץ, וואָלין. ער איז דערצויגן געוואָרן אין גייַסט פון דער השכלה, געלערנט אייראָפּעיִשע שפּראַכן און אין 1880 ווערט ער פרייַער צוהערער אין קיִעווער און דערנאָך אין בערלינער אוניווערסיטעט. שוין דאַן שיקט ער אַרטיקלען אין העברעיִשע צייַטשריפטן און דערנאָך באַטייליקט ער זיך אויך אין דער „הצפירה", וואָס געשעט נאָך אין יענער צייַט, ווען די דאָזיקע צייַטונג איז נאָך געווען קעגן פּאַלעסטיניזם. אין יאָר 1900 באַזעצט זיך צבי פרילוצקי אין פּעטערבורג, וווּ ר'איז ביז 1903 אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער — און אַ געוויסע צייַט אויך פּאָליטישער רעדאַקטאָר — פון „המליץ". ער באַטייליקט זיך אויך אין „הזמן" און אין רוסיש־יידישן וואָכנבלאַט „בודושטשנאָסט", ווי אויך אין „יעווורעיסקי יעזשעגאָדניק".

אין יידיש דריקט ער זיך צום ערשטן מאָל אין לעאָן ראַבינאָוויטשעס „בלעטער פון אַ טאָגבוך" און שוין אין 1902 באַמיט ער זיך בייַ דער צאַרישער מאַכט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייַטונג אין וואַרשע ענלעך צום „פרייַנד", וואָס איז שוין דאַן דערשינען אין פּעטערבורג. די דערלויבעניש באַקומט ער ערשט אין 1905 און דעם 14טן אויגוסט 1905 דערשייַנט די ערשטע יידישע צייַטונג אין פּוילן אונטערן נאָמען „דער וועג". די צייַטונג איז אונטער דער רעדאַקציע פון צבי פרילוצקי, וואָס באַזעצט זיך שוין דאַן אין וואַרשע און פאַרבלייַבט דאָרט שוין ביז זייַן טויט. דער פאַרלעגער פון דער צייַטונג איז געווען אינזש' י. ב. איפּאַ, וואָס האָט געשטרעבט צו פאַרשפּרייטן קולטור צווישן די יידישע פאָלקסמאַסן דורך אַ יידישער צייַטונג. אַלס מיטאַרבעטער זענען צוגעצויגן געוואָרן: ד"ר עליאַשעוו, ה. ד. נאָמבערג, ד"ר וואָרטמאַן, ל. שאַפּיראָ און נאָך אַנדערע. צוליב אינערלעכע רייַבונ־

גען און מאַטעריעלע שוועריקייטן האָט „דער וועג" בלויז עקסיסטירט צוויי חדשים און דער ארויסגעבער איפּאַ האָט צוגעלייגט 25.000 רובל.

מער מזל האָט שוין געהאַט ש. י. יאַצקאַנס קאָפּיקע־בלעטל אונטערן נאָמען „יִדישעס טאָגעבלאַט", וואָס איז געווען די גרעסטע קאָנקורענץ פאַרן דערשײַנען פון נײַע צײַטונגען. ערשט אין 1907 איז געלונגען צו גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיווע צײַטונג אונטערן נאָמען „אונדזער לעבן". די ארויסגעבערס זענען געווען מ. ספּעקטאָר און ש. האָכבערג, און זיי האָבן צוגעצויגן צבי פּרילוצקין אַלס הויפּט־מיטאַרבעטער. פיר יאָר צײַט האָט פּרילוצקי דאָרט געשריבן פּאָליטישע איבערזיכטן אונטערן נאָמען „דער מאָמענט". סוף 1910 איז זײַן זון נח, מיט דער הילף פון אייניקע שותפים, געלונגען צו שאַפן אַ נײַע צײַטונג מיטן נאָמען „דער מאָמענט" און צבי פּרילוצקי איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג, אָנהאַלטנדיק דעם פּאָסטן ביז דער נאַציישער אָקופּאַציע פון וואַרשע, ווען אַלע יִדישע צײַטונגען זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן. אין 1914 האָט אויך אָנגעהויבן צו דערשײַנען בײַם „מאָמענט" אַ „מיטאָגבלאַט" און מיט עטלעכע יאָר שפּעטער אַ נײַע אויסגאַבע אונטערן נאָמען „ראַדיאָ".

אין ארויסגעגעבענעם אַלמאַנאַך צום 10־יאָריקן יובילײ פון „מאָמענט" איז געווען פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אַרבעט פון צבי פּרילוצקי אונטערן נאָמען: „די ראָל פון דער יִדישער פּרוי אין מאָדערנעם יִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן".

ווען די נאַציס האָבן אין יאָר 1939 אָקופּירט וואַרשע, איז שוין צבי פּרילוצקי געווען אַלט און קראַנק און האָט נישט געקענט מער פאַרלאָזן דאָס בעט. ער האָט אפילו נישט געקענט טראַכטן וועגן ראַטעווען זיך דורך אַנטלויפן אויף דער רוסישער זײַט, ווי עס האָבן געטאָן אַ סך יִדישע שרײַבערס.

אין גיכן איז ער טאַקע געשטאָרבן, אויסמײַדנדיק אַזוי אַרום דאָס אומקומען פון די אַכזריותדיקע נאַצישע הענט.

---

## פּרילוצקי נח

נח פּרילוצקי איז געבוירן אין בערדיטשעוו דעם ערשטן אָקטאָבער 1882. די קינדעריאָרן פאַרברענגט ער אין קרעמעניץ, ווו ער לערנט העברעיִש און יִדישע געשיכטע און גלײַכצײַטיק וועלטלעכע לימודים אין דער שטאָטישער שול, וועלכע ער ענדיקט אין 1898. דאַן גייט ער איבער אין דער פּראָגימנאַזיע פון צוויזמיר, און שפּעטער קומט ער אָן אין פינפטן קלאַס פון דער וואַרשעווער 3טער גימנאַזיע. צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע פון די עלטערן גיט ער לעקציעס, און ווען ער ענדיקט די גימנאַזיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, טרעט ער אַריין אין יורידישן פאַקולטעט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט. אין 1903 ווערט ער אַדמיניסטראַטיוו אַרעסטירט פאַר אָרגאַניזירן די דעמאָנסטראַציע אין פּוילישן דראַמאַטישן טעאַטער פון וואַרשע, ווו מ'האָט דאַן געשפּילט די אַנטיסעמיטישע פּיעסע „דאָס גאָלדענע קאַלב". אין 1904 האָט ער שוין געמוזט אָפּזיצן 2 חדשים אין פּאַוויאַק פאַר אַנטיילנעמען אין אַ מיטינג פון לינקע סטודענטן, כאָטש ר'איז דאַן געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אַלס מיטגליד פון סטודענטן־פאַראיין „קדימה" און פון קאָמיטעט „ציוני־ציון". אין 1905 ווערט פּרילוצקי אויסגעלאָשן פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט פאַר זײַן באַטייליקן זיך אין אַ מיטינג פון לינקע סטודענטן, ווו ר'האָט אין דער אַלגעמיינער רעזאָלוציע אויך אַרײַנגעבראַכט די פאָדערונג פון אַ נאַציאָנאַל־יִדישער שול אויפן חשבון פון דער מלוכה.

אין יענער צײַט איז אין גאַנץ קרוינפּוילן פאָרגעקומען דער שטרײַק פון די מיטלשולן צוליב דער פאָדערונג אײַנצופירן פּויליש אַלס לערנשפּראַך אַנשטאָט רוסיש. נח פּרילוצקי האָט דאַן אָרגאַניזירט די יִדישע שילערס פון די וואַרשעווער מיטלשולן אונטער דער לאָזונג פון אַ נאַציאָנאַלן שולוועזן מיט יִדיש אַלס לערנשפּראַך.

נח פּרילוצקי האָט אָנגעהויבן שרײַבן אין רוסיש, אָבער שוין אין יאָר 1900 פאַרעפנטלעכט ער אין לעאָן ראַבינאָוויטשעס זשורנאַל „בלעטער פון אַ טאָגבוך" עטלעכע וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען אין יִדיש, באַנוצנדיק זיך מיט די פּסעוודאָנימען „סטודענט אַנאַליזין", „האַפּמאַן" און אַנדערע. ער האָט אויך געשריבן העברעיִש און פאַרעפנטלעכט פּובליציסטישע אַרטיקלען און פעליעטאָנען אין „המליץ" אין יאָר 1901 און אַ נאָוועלע אין „הצופה" אין 1905. זײַן זשורנאַליסטישע טעטיקייט אין יִדיש האָט ער אָנגעהויבן אַלס מיטאַרבעטער פון „וועג" אונטער דער רעדאַקציע פון זײַן פאָטער און שפּעטער אַרבעט ער אויך מיט אין „אונדזער לעבן".

בעת דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ איז נח פּרילוצקי אויסגעקליבן געוואָרן אין דער „קאָמיסיע פון 7", וועלכע האָט אויסגעאַרבעט די באַרימטע רעזאָלוציע וועגן יִדיש אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יִדישן פאָלק.

נח פּרילוצקי גיט זיך אָפּ וואָס אַ מאָל מער מיט פאָרשונגען פון דער יִדישער שפּראַך, און ווען ער ענדיקט אין יאָר 1909 אַדוואָקאַטור אין פּעטערבורג און באַזעצט זיך דערנאָך דעפיניטיוו אין וואַרשע, גיט ער זיך אָפּ, אחוץ זײַן אַדוואָקאַטור, אויך מיט פילאָלאָגישער און ליטעראַרישער טעטיקייט. ער רעדאַקטירט דאַן די ליטעראַרישע זאַמלהעפטן „דער יונגער גײַסט" און „גאָלדענע פונקען", אַרום וועלכע ס'גרופּירן זיך די יונגע יִדישע שריפטשטעלערס אין פּוילן.

אין יאָר 1910 איז ער פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן פון דער נײַער טאָגצײַטונג „דער מאָמענט", פון וועלכן ער איז געבליבן ארויסגעבער און מיטאַרבעטער ביז 1939.

די אַרטיקלען וואָס נח פּרילוצקי פאַרעפנטלעכט זענען אויף פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעמעס, ווי אויך וועגן טעאַטער, קונסט און פילאָלאָגיע.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען וואַרשע איז געווען אָקופּירט פון די דײַטשן, זענען דאָרט פאָרגעקומען וואַלן צום שטאָטראַט. פּרילוצקי וואַרפט זיך דאַן ענערגיִש אַרײַן אין וואַלקאַמף און האַלט אָפּ אַ גלענצנדיקן נצחון. קעגן די ציוניסטן, אָרטאָדאָקסן און אַסימילאַטאָרן, וואָס האָבן דאַן אויף דער יִדישער גאַס געמאַכט יד־אחת, און אויס מורא פאַר די פּוילישע אַנטיסעמיטן, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פון מער ווי אַ העלפט יִדישע מאַנדאַטן; האָט פּרילוצקי זיך געשטעלט בראש פון דעם געגרינדעטן דורך אים „יִדיש־דעמאָקראַטישן וואַל־קאָמיטעט", פון וועלכן ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן. מיט זײַנע ארויסטריטן אין שטאָטראַט לטובת דער יִדישער שפּראַך און יִדישע ענינים האָט פּרילוצקי דערוואָרבן אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט און ער איז אויך געוואָרן דער פירער פון דער דורך אים געגרינדעטער „יִדישער פאָלקס־פּאַרטיי", וואָס האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ ראָלע אין פּאָליטישן יִדישן לעבן. פּרילוצקי האָט אויך געהערט צו די גרינדערס פון דעם „יִדישן שול־ און פאָלקסבילדונג־פאַראיין", וואָס האָט אָר־

גאניזירט א גאנצע ריי יידיש־וועלטלעכע שולן. פרילוצקי העלפט אויך ארגאניזירן די יידישע האנטווערקערס און קליינהענדלערס, און ווען אין 1917 קומט פאר אין ווארשע די ערשטע יידישע קולטור־קאנפערענץ אין פוילן, פירט ער מיט איר אן.

זומער 1918 ווערט פרילוצקי אויסגעוויילט אין דעם דאן אנטשטאנענעם „מלוכה־ראט" און נאכן פארטרייבן די דייטשע אקופאנטן און נאכן גרינדן די פוילישע רעפובליק, ווערט ער אויסגעוויילט אלס דעפוטאט פון דער פאלקספארטיי צום פוילישן סיים, וווּ ער אינטערוועניִרט ענערגיש קעגן נגישות און עקסצעסן לגבי דער יידישער באפעלקערונג און שטעלט זיך איין פאר די יידישע רעכט. אין אפריל 1919 באטייליקט זיך פרילוצקי אין דער סיים־קאמיסיע, וועלכע איז לויט זיין איניציאטיוו ארויסגעשיקט געווארן קיין פינסק אויסצופארשן די טראגעדיע פון די דערשאסענע, אן א משפט, 34 יידן, און א דאנק אים האט דער סיים אנערקענט די ריכטיקייט פון דער באשולדיקונג און באשלאסן איבערצוגעבן דעם געריכט די באשולדיקטע מיליטארן.

כדי פטור צו ווערן פון פרילוצקין האט די מאנדאטן־קאמיסיע פלוצלונג אויסגעפונען אז ער איז געבוירן אין בערדיטשעוו און אלס פרעמדן האט מען געפסלט זיין סייממאנדאט (זיין ארט האט דאן פארנומען נאמבערג). פרילוצקי האט שפעטער צוריקגעשטעלט זיינע רעכט אלס פוילישער בירגער און איז אין נאוועמבער 1922 ווידער אויסגעוויילט געווארן פאר א דעפוטאט צום צווייטן סיים. חוץ זיינע פובליציסטישע ארטיקלען אין „מאמענט" האט פרילוצקי אויך געשריבן אין פאלקיסטישן ארגאן „דאס פאלק", וואס האט זיך אפגעשטעלט אין יאר 1925.

די גאנצע צייט האט זיך פרילוצקי אפגעגעבן מיט דער גרעסטער התמדה מיט יידישער פילאלאגיע, באזונדער מיט די געביטן פון פאלקלאר און דיאלעקטאלאגיע. ער האט דער ערשטער אוועקגעשטעלט אין אונדזער פילאלאגיע די פראבלעם פון די יידישע דיאלעקטן און אין זיינע אויסגאבעס האט ער זיך באמיט איבערצוגעבן געטריי פאנעטיש אלע ניואנסן פון די פארשידענע יידישע רעד־אופנים. ער האט קלאסיפיצירט די יידישע דיאלעקטן לויט דריי טעריטאריעס: מיזרח־יידיש (ליטע, רוסלאנד, אוקראינע), מיטל־יידיש (קאנגרעס־פוילן, גאליציע) און מערב־יידיש (מערן, אונגארן, דייטשלאנד). אין בוכפארעם האט ער פארעפנטלעכט אין 1911 „יידישע פאלקסלידער" און צוזאמען מיט ש. לעהמאנען האט ער ארויסגעגעבן א ספעציעלן ארגאן פון פילאלאגיע: נח פרילוצקים „זאמלביכער פאר יידישן פאלקלאר, פילאלאגיע און קולטורגעשיכטע" („נייער פארלאג", ווארשע. ערשטער באנד אין 1912, צווייטער באנד אין 1917).

שפעטער האט פרילוצקי, צוזאמען מיט ד"ר מאקס וויינרייך און זלמן רייזען, געגרינדעט דעם זשורנאל „יידישע פילאלאגיע" (צוויי־חודשדיקע בלעטער פאר שפראך־וויסנשאפט און עטנאגראפיע, דערשינען 3 ביכער אין פארלאג קולטור־ליגע, דאס לעצטע בוך מיט דער שטיצע פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט אין 1924—1926).

אין די פארעפנטלעכטע נח פרילוצקים כתבים זענען פאראן א סך פילאלאגישע ארבעטן, און עטלעכע ביכער זענען געווידמעט דער יידישער דיאלעקטאלאגיע און גראמאטיק, „יידישע דיאלעקטאלאגישע פארשונגען", „מאטעריאלן פאר א וויסנשאפטלעכער גראמאטיק און פאר אן עטימאלאגיש ווערטערבוך פון דער יידישער שפראך", „דער יידישער קאנסאנאנטיזם און וואקאליזם" א"א, ארויסגעגעבן אין די יארן 1920—1924 דורך די פארלאגן „נייער פארלאג" און „קולטור־ליגע". („נח פרילוצקים זאמלביכער פאר יידישן פולקלור, פילולוגיע און קולטורגעשיכטע"). זיינע פילאלאגישע ארבעטן דריקט פרילוצקי לויט זיין אייגענער ארטאגראפיע, וואס האט טיילווייז ביי־געטראגן צו דער רעפארמירונג פון יידישן אויסלייג.

פרילוצקי האט אויך ביכער וועגן יידיש טעאטער, און ס'גייען דארט אריין אפטיילונגען וועגן יידישע דראמאטורגן, ווי יעקב גארדין און שלום־עליכם און אזעלכע באקאנטע ארטיסטן ווי מארים מאסקאוויטש און יעקב ליבערט און די ווארשעווער אסתר רחל קאמינסקי און פעני וואדי עפשטיין.

ווען די נאציס אקופירן ווארשע, אנטלויפט נח פרילוצקי קיין ראטן־פארבאנד און געפינט זיך שפעטער אין ווילנע אונטער דער סאוועטישער מאכט. ער איז פראפעסאר פון יידיש אויפן ווילנער אוניווערסיטעט. ביים אפטרעטן פון דער רויטער ארמיי, ווען די נאציס פארכאפן ווילנע, קומט ער אום פון די רוצחישע הענט פון די בארבארן.

---

## פייגענבוים בנימין — שמחה־בונים

ער איז געבוירן אין ווארשע דעם 12טן אויגוסט 1860 אין א מיוחסדיקער חסידישער משפחה. זיין זיידע איז געווען איינער פון די דריי דיינים אין ווארשע, וואס האבן צוזאמענגעשטעלט דאס געזעצלעכע ציוויל־געריכט פאר יידן אין דער פוילישער הויפטשטאט. דערצויגן געווארן אין חסידישן גייסט, האט ער אין דער יוגנט זייער פיל געלערנט גמרא. צו 22 יאר איז ער געווארן אויס חסיד און אנגעהויבן צו אגיטירן צווישן די ישיבה־בחורים פאר השכלה און בילדונג.

אין 1884 איז ער אוועק קיין אנטווערפן, וווּ ער איז אין א קורצער צייט ארום געווארן טעטיק אין דער ארטיקער סאציאליסטישער באוועגונג, אפילו אריין אלס מיטגליד אין דער רעדאקציע פון דעם ארגאן פון דער בעלגישער סאציאליסטישער ארבעטער־פארטיי „דער וועקער" — אין פלעמיש. אין 1886 אנגעהויבן צו שרייבן יידיש און העברעיש. דעם 16טן דעצעמבער 1887 פארעפנטלעכט ער אין „ארבעטער־פריינט" — רעדאקטאר פיליפ קראנץ — אן ארטיקל „העלפט זיך זעלבסט". ער ווערט גלייך איינגעלאדן צו קומען קיין לאנדאן, וווּ ער איז אין גיכן פאפולער געווארן אלס פעיִקער אגיטאטאר, לעקטאר און סאציאליסטישער שרייבער. צוזאמען מיט פיליפ קראנצן איז ער געווען דער אנפירער פון דער באקאנטער דעמאנסטראציע פון די יידישע ארבעטסלאזע אין לאנדאן צום אייבערראבינער אין שיל (1889). נאכן אויספרובירן אן הצלחה פארשידענע פרנסות, ווי סטאלעריי און א טאבאק־געוועלבל, ווערט ער אנגעשטעלט אלס טעכנישער רעדאקטאר פון „דער פרייער וועלט" אונטער דער רעדאקציע פון ק. גאללאפ, און ביי דער הויפט־מיטארבעטערשאפט פון מ. באראנאוו, מ. ווינטשעווסקי, ק. ליבערמאן, וואס די גרופע „פראלעטאריאט" האט ארויסגעגעבן אין לאנדאן.

אין 1891 הייבן אן ארויסצוגיין זיינע בראשורן, וואס דערשיינען אין לאנדאן און ווערן געדרוקט אלס ארטיקלען אין דער ניו־יארקער „ארבעטער־צייטונג", און דערנאך אומלעגאל פארשפרייט אין פוילן און אין ליטע. „די גאולה אדער די יידישע הילף", „ווי אזוי קומט א ייד צום סאציאליזם" און אנדערע, זענען גע־

װאָרן די פּראָפּאַגאַנדע ליטעראַטור פאַר די אויפקלערונגס־קרײַזלעך אין יאָר 1891.

אויף דער אײַנלאַדונג פון דער „אַרבעטער־צײַטונג" איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק. אין אַמעריקע איז ער געװען דער ערשטער גענעראַל־סעקרעטאַר פון „אַרבעטער־רינג" (1900) און האָט געשריבן די פּרינציפּן־דערקלערונג פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. זינט דער גרינדונג פון „פאָרװערטס" איז ער געװאָרן איינער פון די מיטאַרבעטערס. איז אויך געװען פאַרבונדן מיט די פּפּ"ס און זיך באַטייליקט אין די פאַרשידענע אויסגאַבעס פון דער דאָזיקער פּאַרטיי. געװען איינער פון די ערשטע פּאָפּולאַריזאַטאָרן פון דעם װיסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם אויף ייִדיש. ר'איז געװען רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט", זיך געװידמעט אַ סך דעם קאַמף קעגן דער ייִדישער רעליגיע, און אָנגעשריבן אויף דער טעמע אַ סך בראָשורן. פיל פון זײַנע אַרטיקלען־סעריעס זענען דערשינען אין רוסלאַנד אין בראָשור־פאָרעם, װי למשל:: „דאַרװיניזמוס" און „שטיינער װאָס פאַלן פון הימל". ער האָט אויך איבערגעזעצט און פאַרזען מיט באַמערקונגען אויגוסט בעבעלס „די פרוי און דער סאָציאַליזמוס", באַאַרבעט פרידריך ענגעלסעס „אַנטװיקלונג פון דער פאַמיליע, פּריװאַט־אייגנטום און שטאַט".

פייגנבוים איז געװען אַ מענטש מיט גלענצנדיקע פעיִקייטן, מיט אַ גוטן זכרון און שאַרפן קאָפּ, דערצו אַ אויסגעצייכנטער רעדנער.

---

## פרישמאַן דוד

געבוירן אין יאָר 1865 אין זגעזש, בײַ לאָדזש, אין אַ זייער בכבודיקער און יִחוסדיקער פאַמיליע פון אדירים, גבירים און עשירים. באַקומען אַ דערציִונג בײַ גוװערנאַנטינס און לערערס, געלערנט רמבם און פראַנצױזיש, קבלה און טאַנצן. צו 15 יאָר האָט ער דעביוטירט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור מיט אַ קליינער דערציילונג און שירים. אין 1882—1885 גיט ער אַרויס 4 בענד „ידיעות הטבע", װוּ ער פּאָפּולאַריזירט אין העברעיִש נאַטור־װיסנשאַפטלעכע ענינים. אין 1885 איז ער אײַנגעלאַדן געװאָרן קיין פּעטערבורג אַלס מיטאַרבעטער פונעם נײַ־געגרינדעטן טאָגבלאַט „היום". פרישמאַן האָט זיך נישט געװאָלט אַרײַנלאָזן אין דער „זשאַרגאָנישער" ליטעראַטור, נאָר מיטן אונטערגאַנג פון „היום" און היות די איבעריקע העברעיִשע צײַטונגען האָבן אים נישט געװאָלט דרוקן, האָט ער אָנגעהויבן צו שרײַבן ייִדיש. דעביוטירט האָט ער אין „יודישן פאָלקסבלאַט" אין 1888 מיט זײַן באַלאַדע „אויפן בערגל" — אין דעם אייגענעם נומער פון „ייִדישן פאָלקסבלאַט" האָט אויך דעביוטירט ש. פרוג. פרישמאַן װערט גלײַך אײַנגעלאַדן פון שלום־עליכמען מיטצואַרבעטען אין זײַן ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק", פאַר װעלכער פרישמאַן האָט דאַן איבערגעאַרבעט אויף ייִדיש זײַן פּאָעמע „אופיר". אין דעם זעלבן נומער פון דער „ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק" האָט אויך דעביוטירט י. ל. פּרץ מיט זײַן פּאָעמע מאָניש. און טאַקע צוליב דעם צופאַל האָט מען פאַרגליכן ביידע דעביוטאַנטן פון דער ייִדישער ליטעראַטור און אויף דעם באָדן איז אַנטשטאַנען דער לאַנגדױערנדיקער ליטעראַרישער קאַמף פרישמאַן־פּרץ.

פרישמאַן הייבט זיך אָן צו באַטייליקן אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ער שרײַבט לידער, דערציילונגען און קריטיק, און װערט פּאַקטיש איינער פון די גרינדערס פון אַן ערנסטערער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק. כאָטש ער שרײַבט שוין אויך אין ייִדיש, האָט ער זײַן באַציִונג צו ייִדיש נישט געביטן. ער האָט זיך אַלץ באַטראַכט װי אַ פרעמדער, אַ זײַטיקער. צו דער צײַט געהערט אויך זײַן אַרויסטריט קעגן פּרצן און די ראַדיקאַל־סאָציאַליסטישע „יום־טוב־בלעטלעך". אין 1901 װערט פרישמאַן אײַנגעלאַדן קיין װאַרשע צו רעדאַקטירן אַ נײַעם העברעיִשן װאָכנבלאַט „הדור", װאָס האָט עקסיסטירט איין יאָר. 1905 באַזעצט זיך פרישמאַן אין װאַרשע אויף שטענדיק, און װערט אַן אָפּטער מיטאַרבעטער אין דער ייִדישער פּרעסע. ער האָט מיטגעאַרבעט אין כמעט אַלע דעמאָלס דערשינענע צײַטונגען, װי „יוד", „פרײַנד", אין זאַמלבוך „הילף", „װעג", אין װילנער „טאָג", „פאָלקס־צײַטונג", „אידישעס װאָכנבלאַט", „דער לאַנדס־שדכן", „דער שטראַל" אאַ"װ. זינט דער גרינדונג פון „הײַנט" האָט ער אין דער צײַטונג געשריבן װעכנטלעכע פעליעטאָנען, װאָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ צו שאַרפן טאָן קעגן די ייִדישע ליטעראַטן. בכלל זײַן פּאָלעמיק אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַקציע װאָס פּרץ און אַנדערע ייִדישע שריפטשטעלערס און געזעלשאַפטלעכע טוערס האָבן אָנגעפירט פאַר אַ מאָדערנעם ייִדישן קינסטלערישן טעאַטער — 1909—1910 — און זיינע טיף פערזענלעכע און אומגערעכטע אָנפאַלן אויף פּרצן, האָבן אים קיין סימפּאַטיע נישט פאַרשאַפט.

ערב דעם אַרײַנקום פון די דײַטשן קיין װאַרשע — 1915 — איז ער אַװעק קיין אָדעס. נאָך דער רעװאָלוציע אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקװע, אַלס רעדאַקטאָר פון דאַן געגרינדעטן „שטיבל־פאַרלאַג" און די זאַמלביכער „התקופה". אַרום 1919 צוריקגעקערט קיין װאַרשע, שפּעטער זיך באַזעצט אין בערלין, װידער אָנגעהויבן זײַן מיטאַרבעט אַלס פעליעטאָניסט אין „הײַנט". אין דער דאָזיקער צײַטונג האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט זײַנע ביבלישע דערציילונגען אויס דער סעריע „במדבר", איינס פון זײַנע שענסטע און שטאַרקסטע װערק.

פרישאַמן איז געשטאָרבן אין בערלין פון אַ שװערער און פאַרצװיגענער קרענק — אַ ראַק — אין אויגוסט 1922.

---

## פרענק עזריאל נתן

געבוירן אין יאָר 1863 אין װאָדזיסלאַװ, קעלצער גובערניע, אין אַ פאַרמעגלעך חסידישער פאַמיליע. באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע ייִדישע דערציִונג, האָט ער בחורװײַז זיך גענומען צו השכלה, אָנגעהויבן לערנען שפּראַכן, אין גיכן פאַרלאָזט זײַן געבורטשטאָט און זיך באַזעצט אין װאַרשע. געהערט צו אַ נאַציאָנאַל־פּױלישער רעװאָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, געשטאַנען אין נאָענטע באַציִונגען מיט די פירערס פון די פּױלישע רעװאָלוציאָנערע פּאַרטייען, איבערגעזעצט פּױלישע רעװאָלוציאָנערע ליטעראַטור. שפּעטער זיך דערנענטערט צו דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט. צו 20 יאָר אָנגעהויבן זײַן זשורנאַליסטישע טעטיקייט אין דער העברעיִשער פּרעסע. אין 1887 איז ער אײַנגעלאַדן געװאָרן אַלס מיטאַרבעטער פון דער העברעיִשער ענציקלאָפּעדיע „האשכול". אין משך 1897־1902 געשריבן פון װאַרשע בריװ, פעליעטאָנען און קאָרעספּאָנדענץ אין „המליץ".

װען די „הצפירה" איז אין 1911 באַנײַט געװאָרן, איז ער אַרײַן אַלס מיטגליד פון דער רעדאַקציע. און נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער װעלט־מלחמה, װען אַלע מיטאַרבעטערס האָבן פאַרלאָזט װאַרשע, האָט ער כמעט איינער אַליין אויסגעהאַלטן די אויסגאַבע ביז סוף 1916. אין משך פון זײַנע 40 יאָר ליטעראַרישע

טעטיקייט האָט ער זיך באַטייליקט אַלס זשורנאַליסט, בעלעטריסט, איבערזעצער און היסטאָריקער כמעט אין אַלע צײַטונגען און זשורנאַלן פון פוילן און מחוץ פוילן, סײַ העברעיִשע, סײַ ייִדישע. פון זײַנע אַרבעטן האָבן אַ דויערדיקן ווערט נאָר די היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף דער געשיכטע פון די ייִדן אין וואַרשעווער פירשטנטום און בפרט אין קאָנגרעס־פוילן. פון זײַנע ריין־היסטאָרישע אַרבעטן איז כדאי צו דערמאָנען, „די ייִדישע פראַגע אין פוילן אין פּאָניאַטאָווסקיס צײַטן”, „יהודי פולין בימי מלחמות נפליון”, „לתולדות היהודים בנסיכות וורשה””, די מלחמה קעגן הפקרות”, „אין אַמאָליקן וואַרשע”, און פיל אַנדערע. איינע פון פרענקס סאַמע ערנסטע און געוויסנהאַפטיקסטע אַרבעטן אויפן געביט פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער עקאָנאָמיק איז „עפּיזאָדן פון דער געשיכטע פון די ייִדן אין וואַרשע” — אַ נישט פאַרענדיקטע סעריע אַרטיקלען אין „הײַנט”. ער האָט איבערגעזעצט אין ייִדיש באָלעסלאַוו פרוס ראָמאַן „פרעה”, עליזאַ אָרזשעסקאָוואַס „מירטאַלאַ” א״א.

געשטאָרבן איז ער דעם 1טן פעברואַר 1924 אין וואַרשע.

---

## פרייד מאיר יעקב

געבוירן דעם 31טן אויגוסט 1871 אין קאַלוואַריע, סוּוואַלקער געגנט, אין אַ בעל־הביתישער פאַמיליע. ביז 12 יאָר געלערנט אין אַ מאָדערניזירטן חדר, געגרייט זיך פאַר אַ דײַטשן ראַבינער, אָבער צוליב ביסמאַרקס גזרה נישט געקענט אָנקומען אין ווירצבורגער סעמינאַר. אין 1889 זיך באַזעצט אין וואַרשע, צו ערשט געווען אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער ,שפּעטער געעפנט אַן אַנאָנסן־ביוראָ מיט אַ פאַרלאַג און בוכהאַנדלונג. געשריבן העברעיִש און אונטער פּרצעס אײַנפלוס אָנגעהויבן צו שרײַבן ייִדיש. געווען דער ערשטער אין ייִדיש צו שרײַבן וועגן דעם לעבן פון בהמות, „די רויטע קאַראַלינאַ”, ראָמאַן פון בהמישן לעבן, „מורזאַ” פון הינטישן לעבן א״א. ער איז אויך געווען דער ערשטער אין ייִדיש אַרויסצוגעבן ראָמאַנען אין העפטן, צום בײַשפּיל זײַן באַרימטן „קאַפּיטאַן דרײַפוס”, אַ העכסט אינטערעסאַנטער ראָמאַן פון הײַנטיקער צײַט צו 5 קאָפּיקעס אַן עקזעמפּלאַר, וואָס איז בסך־הכל אַרויס אין 5 העפטן. ער האָט אין זעלבן פאָרמאַט אויך באַאַרבעט פאַרשידענע באַרימטע דראַמעס און ראָמאַנען. אין 1910 האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַן אילוסטרירטן זשורנאַל „דער שטראַל”, האָט פאַרעפנטלעכט אײניקע קאַפּיטלען איבער יהואש און מענדעלע מוכר ספרים אין די „ליטעראַרישע בלעטער” (1917). געווען לאַנגיאָריקער מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג און אַ געוויסע צײַט פאָרזיצער פון „הזמיר”, „עבריה” און אַנדערע קולטור־פאַראיינען, דער הויפּט ציוניסטיש־העברעיִסטישע, געווען פרנס אין דער וואַרשעווער קהילה פון דער ציוניסטישער פראַקציע, איז געווען זייער באַקאַנט צווישן דער וואַרשעווער ייִדישער באַפעלקערונג אַלס „פריידס אַנאָנסן־ביוראָ”.

---

## פינקעלשטיין לעאָ

געבוירן אין יאָר 1895 אין ראַדאָם אין אַ סוחריש־לומדישער משפּחה. געלערנט אין די שולן פון ראַדאָם, קעלץ און קראָקע. אין 1917 אַרײַן אין דעם יאַגעלאָנער אוניווערסיטעט, וווּ ער האָט 4 יאָר שטודירט עקזאַקטע פילאָסאָפיע און פּאָלאָניסטיק. זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין 1916 מיט 2 דראַמעס אין פּויליש. אין ייִדיש אָנגעהויבן שרײַבן אין 1919 אין „מאָמענט” און שפּעטער אין פאָלקיסטישן אָרגאַן „דאָס פאָלק”, אין די יאָרן 1923־1925 מיטגעאַרבעט אין „נאַש פּשעגלאָנד”, און אויך אין די „ליטעראַרישע בלעטער”, וווּ ער האָט פאַרעפנטלעכט זייער פיל אַרטיקלען איבער דער אייראָפּעיִשער און פוילישער ליטעראַטור, טרעט אויף אַלס לעקטאָר איבער ליטעראַריש־פילאָסאָפישע טעמעס, לעקטאָר איבער פוילישער ליטעראַטור אין די ייִדישע פאָלקס־אוניווערסיטעטן אין וואַרשע בײַ דער „קולטור־ליגע” און „פאָלקס־בילדונגס־ליגע” ,טעטיק אין דער „פאָלקס־פּאַרטיי” דורך וועלכער ער איז אַרײַן אַלס פרנס אין דער וואַרשעווער קהילה. שפּעטער אַרײַן אין „בונד”. דעם פּעריאָד פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער דורכגעמאַכט אינעם ראַטן־פאַרבאַנד, צוריקגעקומען קיין פוילן, אָנטייל גענומען אינעם „צענטראַל־קאָמיטעט פון ייִדן אין פוילן”, נאָכדעם אַוועקגעפאָרן קיין נ׳־אַמעריקע. אַ שטאַרקן רושם האָט געמאַכט זײַן ווערק „מגילת־פוילן”. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1952.

---

## פרידמאַן קלמן

געבוירן דעם 1טן מײַ 1895 אין וואַרשע. געלערנט אין חדר, שפּעטער אין אַ פאָלקסשול. צו 17 יאָר אַרײַן אין „בונד”, שפּעטער אויסגעוויילט געוואָרן אין צענטראַלראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין וואַרשע. צוליב אַ פּראָוואָקאַציע געמוזט פאַרלאָזן וואַרשע און אין 1913 אַוועק קיין נ׳־אַמעריקע. זיך באַטייליקט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, געווען אַ פּראָפעסיאָנאַליסט בײַ די שטריקער־אַרבעטער, געשריבן לידער אין וואַרשעווער „אונדזער לעבן” 1912, אין נ׳־אַמעריקע געשריבן אין פאַרשידענע צײַטונגען און זשורנאַלן, אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג לידער אין בוכפאָרם „לעבנס־טענער”. געפינט זיך שטענדיק אין נ׳־אַמעריקע, איז סעקרעטאַר פונעם „קאָונסיל פון וואַרשעווער ייִדן” אין ניו־יאָרק.

---

## הלל צייטלין

געבוירן אין יאָר 1872 אין קאָרמע, מאָהילעווער גובערניע, אין אַן אָנגעזעענער פאַמיליע. פון 5 ביז 12 יאָר געגאַנגען אין חדר, שפּעטער געלערנט פאַר זיך אין בית־מדרש אין פאַרשידענע שטעט פון דער ליטע. אַ דאַנק זײַנע גרויסע כשרונות, דערהויפּט דעם זעלטענעם זכרון, געשמט אַלס „קאָרמער עילוי”. צו 16 יאָר, נאָכן טויט פון זײַן פאָטער, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט לערערײַ. צו 18 יאָר האָט ער זיך אָנגעהויבן ערנסט אָפּצוגעבן מיט אַלגעמיינע לימודים און זעלבסטבילדונג, איבער הויפּט מיטן שטודיום פון דער מעטאַפיזישער שיטה אין דער פילאָסאָפיע. אין האָמעל, וווּ צייטלין האָט זיך באַשעפטיקט מיט העברעיִשע לעקציעס, האָט ער זיך דערנענטערט צו דעם קרײַז פון דער ייִדישער דעמאָקראַטישער באַוועגונג, און דאָס האָט געהאַט אויף אים אַ דעציזירנדיקע ווירקונג. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט געזעלשאַפטלעכע פראַגעס, וואָס דאָס האָט אים אָפּגעצויגן פון דער מעטאַפיזיק און דערנענטערט צום פּאָזיטיוויזם פון די ענגלישע דענקערס ספּענסער, דאַרווין, מילל און צו דער רוסישער אידעאַליסטישער ליטעראַטור. צו דער צײַט געהערט דער אָנהייב פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקייט. דעביוטירט האָט ער מיט זײַן אָפּהאַנדלונג

„הטוב והרע", ווו ער באהאנדלט די פראבלעמען פון אפטימיזם און פעסימיזם אין דער געשיכטע פון דער פילאסאפיע. 1900 האט ער אנגעהויבן צו נעמען אן אקטיוון אנטייל אין דער ציוניסטישער באוועגונג און איז געווען דעלעגאט פון האמעל אויפן פינפטן ציוניסטישן קאנגרעס. אונטערן איינדרוק פון דעם קישענעווער פאגראם און אין צוזאמענהאנג מיטן אוגאנדא־פראיעקט איז ער געווארן אן אנהענגער פון טעריטאריאליזם. אין 1906, אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון אברהם רייזין, האט ער אין ווילנע אנגעהויבן צו שרייבן יידיש, דעביוטירט מיט א סעריע ליריש־פילאסאפישע ארטיקלען אויף דער טעמע „די בענקשאפט נאך שיינקייט" אין „דאס יידישע פאלק". אין זעלביקן יאר איז ער איינגעלאדן געווארן פון יאצקאנען קיין ווארשע אלס רעדאקטאר פון דעם „אידישן וואכנבלאט", ווו ער האט אין זיין בשעתה בארימטער סעריע „ערנסטע שמועסען" ווייטער געפירט זיין אנגעהויבענע בייזער מלחמה קעגן דער רעוואלוציע און בפרט קעגן די יידישע לינקע פארטייען, וועלכע צעברעקלען, לויט זיין מיינונג, און שוואכן אפ די קרעפטן פון פאלק. ער האט געזוכט צו קעמפן קעגען די אסימילאטארישע און אנטירעליגיעזע טענדענצן פון דער יידישער גאס, באמיענדיק זיך צו פארבינדן די יידיש־רעליגיעזע קאנצעפציעס מיט די מאדערנע אידעען. באזונדער האבן אין דעם פרט זיך אויסגעצייכנט זיינע „בריוועלעך צו דער יידישער יוגנט" אין „היינט", ווו ער איז געווען א שטענדיקער מיטארבעטער אין משך פון די ערשטע דריי יאר פונעם דערשיינען פון דער צייטונג. ביי דער גרינדונג פון „מאמענט" סוף 1910 איז ער אריבער אין דעם דאזיקן בעל־הביתיש־יידישלעכן ארגאן אלס איינער פון די הויפט־מיטארבעטערס.

דעם גרויסן נאמען ביי דעם קאנסערוואטיוו געשטימטן יידישן בירגערלעכן עולם פון פוילן, בפרט אין די ערשטע יארן פון זיין טעטיקייט אין ווארשע, האט אים אבער געמאכט זיין נישט גאנץ באשטימטע, אבער הייסע רעליגיעז־נאציאנאלע פראפאגאנדע און זיין נישט־שטענדיק אביעקטיווע און טאקטפולע, אבער טעמפעראמענטפולע און שארפע פאלעמיק מיט די קעגנערס פון זיינע אידעעס. בעת דער שארפער וואל־קאמפאניע צום סיים אין 1922 גיט ער ארויס א וואכנבלאט „דער בליץ", ווו ער באקעמפט דעם בלאק פון די ציוניסטן מיט דער אגודה, שטייענדיק נענטער צו דער „פאלקס־פארטיי". שפעטער אבער, מיט דער פארשטארקונג פון די ציוניסטישע שטימונגען, האט ער זיך ווידער דערנענטערט צום ציוניזם, הגם ער מאכט נישט מיט די אפיציעלע באוועגונג און טרעט אויך ארויס קעגן דעם ציוניסטיש־אסימילאטארישן העברעיזם.

צייטלין, דער דענקער, רעדנער, שרייבער, פובליציסט און קעמפער, האט אויך געלערנט אין משך פון א סך יארן די חסידישע, בפרט חבדישע שיטה מיט זיינע יונגע אנהענגערס, וואס פלעגן קומען צו אים קיין ווארשע פון דער פראווינץ אלס צו דעם בולטסטן פארטרעטער פון חסידות אין דער מאדערנער יידישער ליטעראטור. זיינע דערציילונגען, עסייען, שטודיומס, ארטיקלען און ביכער וואלטן אויסגעמאכט צענדליקער בענד. אבער דערשינען אין בוכפארעם איז א קליינע צאל.

הלל צייטלין האט זיינע לעצטע יארן מיטגעמאכט מיט די יידן אין ווארשעווער געטא און געשטארבן איז ער ווי א קדוש. אין הסכם מיט זיינע איבערצייגונגען, ווען די נאצים האבן אים געפירט צום אומשלאגפלאץ, איז ער געגאנגען איינגעהילט אין א טלית.

---



## קאטיק יחזקאל

געבוירן אין יאר 1847 אין קאמעניעץ ליטאווסק, אין א קליינשטעטלדיקער נגידיש־חסידישער פאמיליע. ביז 17 יאר דערצויגן געווארן אין חדר אויף גמרא און פוסקים. נאך די פאגראמען אין אוקראינע געקומען קיין ווארשע, ווו ער האט יארן לאנג געהאלטן דאס בארימטע קאפעהויז אויף נאלעווקי 31, וואס איז א געוויסע צייט געווען א צענטער פאר יידישע ליטעראטן, ווי אויך פאר די טוערס פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג. געווען באקאנט אין ווארשע אלס כלל־טוער און גרינדער פון א גאנצער ריי חברות און צדקה־אנשטאלטן. ער האט אויך ארויסגעגעבן אייניקע בראשורן אין העברעיש און יידיש מיט פראיעקטן און סטאטוטן פאר פארשידענע חברות, א בוך אין יידיש און העברעיש „עשרת הדברות לבנות ציון", אן „ארבעטער־קאלענדאר". א נאמען אין דער יידישער וועלט האט ער זיך געמאכט מיט זיינע מעמוארן „מיינע זכרונות".

געשטארבן איז ער אין ווארשע דעם 13טן אויגוסט 1921.

---

## קאטיק אברהם הערש

געבוירן אין יאר 1867 אין קאמעניעץ־ליטאווסק, א זון פון יחזקאל קאטיק. געלערנט אין פארשידענע חדרים און ביי מלמדים. אין 1881 אריין אין א רעגירונגס־גימנאזיע אין ווארשע, אבער אין 1886 אויסגעשלאסן געווארן פאר רעוואלוציאנערער טעטיקייט און ערשט אין יארן ארום — 1898 — פארענדיקט זיין בילדונג אין ווארשעווער אוניווערסיטעט אלס פראוויזאר. פון דער יוגנט אן זיך באטייליקט אין דער סאציאליסטישער באוועגונג, אנפירנדיק די פראפאגאנדיסטישע אויפקלערונגס־ארבעט אויף רוסיש. זיך אנגעשטויסן אויפן פאקט וואס די יידישע ארבעטער פארשטייען נישט קיין רוסיש, און געקומען צום געדאנק וועגן דער נויטווענדיקייט צו שאפן א פאפולער־וויסנשאפטלעכע ליטעראטור אין יידיש. אין 1894 האט ער צוזאמען מיט א. ברעסלערן אנגעהויבן ארויסצוגעבן א סעריע „וויסנשאפטלעכע פאלקסביכער". דאס ערשטע ביכל איז געווען „ווי אזוי האבן מענטשן געלעבט מיט אייניקע טויזנט יאר צוריק". צום זעקסטן ביכל איז צוגעגעבן געווארן א מוסטער־קאטאלאג פון יידישע ביכער — די ערשטע פראבע פון דעם מין אין דער יידישער ליטעראטור.

די טענדענץ פון דעם פארלאג האט כאראקטעריזירט דאס ביכל „ארבעט און קאפיטאל". הגם די שפראך און די גאנצע באארבעטונג פון די ביכלעך איז געווען שטארק נישט געלונגען, האט דאך די אויסגאבע געשפילט א געוויסע ראלע אין די פריערדיקע יארן פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג. נאך א הפסקה פון עטלעכע יאר האט אברהם קאטיק באנייט זיין פארלעגערישע טעטיקייט אין ביאליסטאק (1900), האט געגרינדעט דעם פארלאג „פאלקס־בילדונג", ווו ס'האט געארבעט אלס סעקרעטאר אברהם רייזען. האט ארויסגעגעבן צווישן אנדערע שלום עליכמס „א מעשה אן אן עק". אין 1904 זיך באזעצט אין מינסק. צווישן אנדערע ארויסגעגעבן א ביכל וועגן דער פאריזער קאמונע, וואס איז קאנפיסקירט געווארן, און ערשט נאך דער אקטאבער־רעוואלוציע ווידער דערשינען (1918).

אין 1905 איז ער ארעסטירט געווארן אין מינסק און איז אין זעלבן יאר, בעת די רעוואלוציאנערע געשעענישן, באפרייט גע־

וואָרן. 1913—1912 געווען פאַקטישער רעדאַקטאָר פון דער וועכנטלעכער בײַלאַגע פון „הײַנט" — „דער הויז־דאָקטער". האָט אַרויסגעגעבן אַן אילוסטרירט וואָכנבלאַט „האַנדל און מלאכה". נאָך דער רעוואָלוציע געלעבט אין יאַראָסלאַוו, ווּ ער איז געווען פאַרוואַלטער פון דער פאַרלאַגס־אָפּטיילונג פון דעם פאַרבאַנד פון די קאָאָפּעראַטיוון. אין 1910 צוריקגעקומען קיין פּוילן אַלס אָנפירער פון דער סאַניטאַר־מעדיצינישער אָרגאַניזאַציע בײַם „דזשאָינט". אין 1923 זיך באַזעצט אין ווילנע, געגרינדעט דעם זשורנאַל „פאָלקס־געזונט". אין פעברואַר 1924 געקומען קיין נאָרד־אַמעריקע, אָבער צוליב די עמיגראַציע־באַגרענעצונגען געמוזט אין 1926 פאַרלאָזן דאָס לאַנד און איז אַוועק קיין מאָסקווע, ווּ ער האָט פאַרנומען אַ הויכע שטעלע אין בילדונגס־קאָמיסאַריאַט: געווען פאַרוואַלטער פון אַן אָפּטיילונג אין „הויפּט־פּאָליטישן אויפקלער־קאָמיטעט" פאַר דער פּאָליטישער און אַלגעמיינער דערציִונג פון דערוואַקסענע. אין 1927 אַריבער קיין כאַרקאָוו, ווּ ער האָט געשריבן אין „שטערן" פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען.

קאַטיק האָט אַרויסגעגעבן זייער פיל בראָשורן און ביכלעך, געשריבן כמעט אין אַלע יידישע צײַטונגען וועגן קולטור, שולפראַגע, ביבליאָגראַפיע, ביבליאָטעקערײַ, עקאָנאָמישע פראַגעס, געזעלשאַפטלעכער היגיענע א"א.

## קאַזדאַן חיים שלמה

געבוירן אינעם יאָר 1883 אין כערסאָן, בײַ אַ טאַטן אַ מלמד. געלערנט אין חדר, בײַ העברעיִשע לערערס, געווען אַן עקסטערן. זײַן פּעדאַגאָגישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין 1902 אין אַ פּראָפעסיאָנעלער מיידלשול. געווען טוער צו ערשט אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי און דערנאָך אין „בונד". זינט 1908 אָן הפסקות זיך פאַרנומען מיט שולאַרבעט. אין 1918 געווען סעקרעטאַר פון דער קולטור־ליגע אין קיִעוו. סוף 1920 געקומען קיין וואַרשע, ווּ ער ווערט אָנפירער פון דעם פּעדאַגאָגישן אַמט בײַ דער „צווישאָ". זיך באַטייליקט אַלס מיטאַרבעטער אין דער „פאָלקס־צײַטונג", געשריבן וועגן דערציִונג און וועגן ליטעראַטור. געווען מיטרעדאַקטאָר פון „שול און לעבן" און „די נײַע שול" — אויסגאַבעס פון דער „ציִשאָ". פאַרפאַסט שולפּראָגראַמען און זאַמלונגען פון דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור. אונטערן טיטל „פאַר שול און היים" מחבר געווען לערנביכלעך. באַטייליקט זיך אין דער איבערזעצונג פון ש. דובנאָווס 10־בענדיקער געשיכטע אויף יידיש. אין דער לעצטער וועלט־מלחמה זיך געראַטעוועט קיין נאָרד־אַמעריקע.

## קאַסעל דוויד

געבוירן דעם 18טן יאַנואַר 1881 אין מינסק. דער פאָטער אַ פּראָלעטאַריער, אַ משכיל. די ערשטע דערציִונג באַקומען אין חדר. גאָר פרי אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס בערשטן־אַרבעטער. יינגלווײַז אַרײַן אין דער דאַן אויפגעשפּראָצטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, זיך דערצויגן אין „בונד". בעת דער זובאַטאָווטשינע געווען אַרעסטירט דרײַ חדשים אין מאָסקווע. צו יענער צײַט אָנגעהויבן צו דרוקן זײַנע ערשטע לידער אין אומלעגאַלע בונדישע אויסגאַבעס. זיך באַקענט מיט אברהם רײַזענען און פון אים אויפגעמונטערט געוואָרן צום שרײַבן. אַ דאַנק אים פאַרעפנטלעכט זײַן ערשט לעגאַל ליד אין „דער אידישער פאָלקסצײַטונג".

אין 1903 געקומען קיין וואַרשע, זיך באַשעפטיקט מיט בערשטערײַ און פון צײַט צו צײַט זיך פאַרנומען מיט ליטעראַרישע אַרבעטן אַלס איבערזעצער, מיטגעאַרבעט אין דער בונדישער „פאָלקס־צײַטונג" און פאַרלאַג „די וועלט", ווּ עס זענען אַרויס זײַנע ערשטע צוויי קליינע ביכלעך, די דערציילונגען „מאַירקע פון קליינעם בונד" — 1907 — און די אַלעגאָריש־רעוואָלוציאָנערע פּאָעמע „נישט באַזיגט". אין 1910 זיך באַזעצט אויף שטענדיק אין וואַרשע, ווּ ער האָט אָנגעהויבן זיך צו פאַרנעמען מיט פאַרשידענע ליטעראַרישע אַרבעטן. איבערגעזעצט און באַאַרבעט אַ ריי קינדערזאַכן פאַרן פאַרלאַג „מעשהלעך", צונויפגעשטעלט יידישע לערנביכער, ווי „געאָגראַפיע", אַלגעמיינע געשיכטע", „יידישע געשיכטע א"א. געווען רעדאַקטאָר פון יעקב לידסקים פאַרלאַג „יודיש", איבערגעזעצט אַ ריי ווערק פון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור, האָט אויך צונויפגעשטעלט די סעריע „קינדער־ביבליאָטעק" אין וועלכער עס זענען אַרײַן זײַנע באַאַרבעטונגען פון „פעטער טאָם", „קליינע מענטשעלעך", „די וועלט פון חיות", „די לעבעדיקע נאַטור" און אַנדערע. האָט אויך געשריבן אַרטיקלען איבער ליטעראַטור און קונסט. בכלל איז זײַן אַרבעט אַלס איבערזעצער געווען פרוכטבאַר און ווערטפול.

## קאַנעל ליבע

געבוירן אין יאָר 1890 אין ביאַליסטאָק. 1917 געענדיקט אין זשענעווע די פּעדאַגאָגישע אָפּטיילונג פון דעם פאַקולטעט פאַר סאָציאַלע וויסנשאַפטן. אין 1919 צוריקגעקומען קיין ביאַליסטאָק, אָנגעהויבן מיטצואַרבעטן בײַ דעם אויפבוי פון דער נײַער יידישער שול, שטרעבנדיק אַרײַנצופירן אין דער יידישער שולאַרבעט דעם גרונטפּרינציפּ פון דער וויסנשאַפטלעכער פּעדאַגאָגיק — צוצופּאַסן די פּראָגראַמען, מעטאָדן, דיסציפּלין־כּללים פון דער יידישער פּעדאַגאָגיק צו דער ספּעציפישער אייגנאַרטיקייט פון דער פיזישער, מאָראַלישער און אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן קינד. דורכגעפירט אַ ריי אַנקעטעס אין אַלע יידישע פאָלקסשולן אין וואַרשע (1924—1922), אָנגעשריבן פיל ווערטפולע אַרבעטן וועגן פּעדאַגאָגיק.

## קאַגאַנאָווסקי אפרים

געבוירן אין יאָר 1893 אין וואַרשע אין אַ בעל־הביתישער פאַמיליע. צו 10 יאָר אַרויסגעוויזן פעיִקייטן צום מאָלן און צו 12 יאָר אָנגעקומען אין דער צייכענונגס־שול אין וואַרשע, ווּ ער האָט געלערנט בלויז אַ האַלב יאָר צײַט. נישט האָבנדיק קיין מיטלען צו שטודירן ווײַטער, האָט ער זיך גענומען צו גאַלאַנטעריי־מאָלערײַ אַלס מיטל צום פאַרדינען. זײַן געפיל פאַר פאַרבן האָט אים דאַן געטריבן צו באַנוצן זיך מיטן וואָרט, און ער האָט אָנגעהויבן צו באַשרײַבן פאַרשידענע מאָלערישע קאָמפּאָזיציעס. דעביוטירט האָט ער מיט אַ קליינער נאָוועלע „בײַ נאַכט אין דאָרף", אין דעם וואָכנבלאַט „די טעאַטער־וועלט". ער האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון פּרצן. זינט דאַן געדרוקט פון צײַט צו צײַט נאָוועלעס אין פאַרשידענע אויסגאַבעס. די צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און רעוואָלוציע פאַרבראַכט אין אוקראַיִנע, פון וואַנען ער איז אָנהויב 1921 צוריקגעקומען קיין וואַרשע. פאַרעפנטלעכט אין „הײַנט" און אין אַנדערע צײַטשריפטן בילדער און דערציילונגען פון דעם לעבן אין רוסלאַנד בשעת דעם בירגערקריג און

די פּאָגראָמען. געווען מיטאַרבעטער אין וואַרשעווער „אונדזער עקספּרעס", ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט אין המשכים זײַן גרויס ווערק „פונעם סטאַווקע־געסל" — אויס דעם לעבן אויף דער אָרעמער יידישער וואַרשעווער גאַס. זײַנע דערציילונגען און סקיצן זענען אַרויס אין עטלעכע ביכער.

האָט אַדורך געמאַכט די לעצטע וועלט־מלחמה אין ראַטן־פאַרבאַנד, איז צוריקגעקומען קיין פּוילן, און אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז, ווו ער לעבט ביז הײַנט און אַרבעט מיט אין פאַרשידענע פּראָגרעסיווע אויסגאַבעס, אין וועלכע ער פאַרעפנטלעכט זײַנע שײנע שאַפונגען.

## קאַציזנע אַלטער־שלום

געבוירן דעם 31טן מײַ 1885 אין ווילנע אין אַ פּאָראָרעמטער אַרבעטער־פּאַמיליע. זײַן פּאָטער איז געווען אַ שמיד און זײַן מוטער אַ שניידערין. ער האָט באַקומען אַ גאַנץ שוואַכע יידישע דערציִונג בײַ אַ פּאָר מלמדים און נישט קיין בעסערע אַלגעמיינע בילדונג אין דער רוסיש־יידישער אָנפאַנגשול. צו 14 יאָר האָט ער זיך אויסגעלערנט דאָס פּאָטאָגראַפיע־פאַך, מיט וועלכן ער האָט זיך פאַרנומען זײַן גאַנץ לעבן. זײַנע ערשטע ליטעראַרישע שריט האָט ער געמאַכט אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אין רוסיש. אין 1909 האָט ש. אַנסקי, מיט וועמען ער האָט שוין דעמאָלט קאָרעספּאָנדירט, אָפּגעדרוקט זײַנע עטליכע נאָוועלעס אין „יעווריעיסקי מיר".

צו יענער צײַט זענען אים צופעליק געקומען אין האַנט אַרײַן פּרצעס ווערק, וועלכע האָבן אים אַזוי באַאײַנפלוסט, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו שרײַבן אין יידיש. ער איז אַוועק קיין וואַרשע צו פּרצן, מיט וועלכן ער האָט זיך נאָענט און אינטים באַפרײַנדט.

קאַציזנעס דעביוט אין יידיש האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך פּרצעס טויט — 1915 — מיט זײַנע זכרונות וועגן פּרצן. זײַן ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט אין יידיש איז געווען די דראַמאַטישע פּאָעמע „דער גײַסט דער מלך". ער האָט אויך געמאַכט מערערע פּרוּוון אַרויסצוגעבן ליטעראַרישע זשורנאַלן, ווי די „תיבה", „די גלאָקן", „רינגען", אין וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט מערערע בעלעטריסטישע אַרבעטן: „דער טערק", „דעם לוים טאָכטער", „דער טורעם פון בבל" א"א. ער האָט אויך געשריבן אַרטיקלען אויף ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע טעמעס אין צײַטשריפטן און טאָגצײַטונגען. ער איז געווען איינער פון די גרינדערס און רעדאַקטאָרן פון די „ליטעראַרישע בלעטער". אינטים איז ער געווען פאַרבונדן מיט אַנסקין ביז די לעצטע טעג פון אַנסקיס לעבן און איינער פון די אַפּוטרופּסים פון אַנסקיס ליטעראַרישער ירושה, מיטגליד פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַלע ווערק פון ש. אַנסקי. ער האָט פאַרענדיקט אַנסקיס דראַמע „טאָג און נאַכט". באַקאַנט איז קאַציזנעס טעאַטער־פּיעסע „דער דוכוס". ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט זײַן דראַמע „הורדוס". גאָר פּאָפּולער איז ער געוואָרן מיטן איבערזעצן אַלעקסאַנדער בלאָקס „די צוועלף", וואָס איז רעציטירט געוואָרן אויף אַלע אַרבעטער־אונטערנעמונגען. נישט ווייניקער פּאָפּולער איז געווען אין דראַמקרײַזן זײַן פּאָעמע „פּראָמעטעוס",

מיט געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט האָט ער זיך באַטייליקט אין דער לינקער אַרבעטער־באַוועגונג. געווען רעדאַקטאָר פון דער רעוואָלוציאָנערער טאָגצײַטונג אין פּאַשיסטישן פּוילן „דער פרײַנט".

געענדיקט זײַנע שעפערישע יאָרן אין לעמבערג ווו ער איז פאַרפּייניקט געוואָרן דורך די נאַציס.

## קאַרלינסקי בער

געבוירן אין יאָר 1886 אין קאָלנע, לאָמזשער געגנט, אין אַ בעל־הבתיש לומדישער משפחה. געלערנט אין חדרים און ישיבות. צו 15 יאָר אַריבער קיין ביאַליסטאָק און זיך אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מיט זעלבסטבילדונג. זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן מיט לידער אין פּראָזע אין נ. סאָקאָלאָווס „טעלעגראַף". אומגעפער אין 1908 געקומען קיין וואַרשע. געאַרבעט אַלס רעדאַקטאָר אין שימינס פאַרלאַג „וועלט־ביבליאָטעק", פאַר וועלכן ער האָט איבערגעזעצט אַ רייע ווערק, פון אַזעלכע מחברים ווי: אַרטור שניצלער, מאַקס נאָרדוי, הלל ציימלין, קנוט האַמסאָן. זינט 1915 אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „מאָמענט" געשריבן איבער ליטעראַטור און טעאַטער.

## קיפּניס מנחם

געבוירן אין יאָר 1878 אין אושאָמיר, וואָלין. זײַן פּאָטער, אַ ייִד אַ למדן, איז געווען אַ חזן. ביז 14 יאָר געלערנט אין תלמוד־תורה און בײַ מלמדים, און גלײַכצײַטיק צוגעהאָלפן זײַן פּאָטער זינגען אין בית־מדרש און אויף שמחות. צו קנאַפּע 20 יאָר, שוין אַלס טענאָר, געזונגען אין זשיטאָמירער שיל, זיך געלערנט מוזיק און אויך אַלגעמיינע לימודים.

נאָכן קומען קיין וואַרשע איז ער גלײַך אַרײַנגעטראָטן אין קאָנסערוואַטאָריע. אין 1902, בײַ אַ קאָנקורס, אָנגענומען געוואָרן אַלס איינציקער ייִד פאַר דעם ערשטן טענאָר אין כאָר פון דער וואַרשעווער רעגירונגס־אָפּערע, ווו ער האָט געזונגען אין משך פון 16 יאָר. אין 1902 אָנגעהויבן זײַן זשורנאַליסטישע טעטיקייט אין „המליץ" וועגן ייִדישער מוזיק. די ערשטע אַרטיקלען וועגן מוזיק פאַרעפנטלעכט אין קרינסקיס וואָכנשריפט „די ראָמאַן־צײַטונג", ווו ער האָט געפירט אַ שטענדיקע אָפּטיילונג אונטערן נאָמען „מוזיקאַלישער אַלבום". אין דער אָפּטיילונג געגעבן ביאָגראַפיעס און אָפּשאַצונגען וועגן באַרימטע ייִדישע מוזיקערס און קאָמפּאָזיטאָרן. געשריבן הומאָרעסקעס, פעליעטאָנען, רייזעבילדער, טעאַטער־רעצענזיעס אין „הײַנט". זײַן גרעסטן פאַרדינסט איז דאָס זאַמלען ייִדישע פאָלקסלידער און זיי פּאָפּולאַריזירן דורך זײַנע קאָנצערטן צוזאַמען מיט זײַן פרוי זמרה זעליגפעלד אין אַלע שטעט און שטעטלעך איבער פּוילן, ווייסרוסלאַנד און ליטע. אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

## קרוק יוסף

געבוירן דעם 5טן דעצעמבער 1885 אין טשענסטאָכאָוו אין אַן אָרעמער אַסימילירטער פאַמיליע. זײַן זיידע האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די פּוילישע אויפשטאַנדן. קרוק איז שוין אַלס גימנאַזיסט אַרײַן אין אַן אומלעגאַלן פּוילישן סאָציאַליסטישן זעלבסטבילדונגס קרײַז. געווען גרינדער און פירער אין טשענסטאָכאָוו פון דעם ערשטן ייִדישן גימנאַזיסטישן קרײַז מיט אַ סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישן כאַראַקטער. געגרינדעט אויך ראַדיקאַל־נאַציאָנאַלע

גימנאַזיסטישע גרופּעס אין סאָסנאָוויץ, פּיעטריקאָוו א״אַ. אין 1904 האָט דער צווייטער צוזאַמענפֿאָר פֿון אָט די גימנאַזיסטישע קרײַזן אָנגענומען אַ קלאָרע ציוניסטיש־טעריטאָריאַליסטישע פּיזיאָנאָמיע. אין דער צײַט 1903—1904 געווען באַשעפטיקט מיטן אַריבערטראַנספּאָרטירן פֿון אויסלאַנד קיין רוסלאַנד די אומלעגאַלע ליטעראַטור פֿאַר דער גרופּע „וואָרזראָזשדעניע”. נאָכן קישענעווער פּאָגראָם אויך געשוואַרצט געווער פֿאַרן ייִדישן זעלבשוץ, זיך אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט אין דער ס״ס־אָרגאַניזאַציע. נאָכן אַרויסגעשיקט ווערן פֿון פּוילן האָט ער שטודירט אין קראָקעווער אוניווערסיטעט. געגרינדעט די ערשטע ס״ס־גרופּע אין גאַליציע.

אין 1906 געקומען קיין וואַרשע, געאַרבעט אין דער ס״ס־אָרגאַניזאַציע, געזעסן אין פּאַוויאַק און אין ציטאַדעל. אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד, וווּ ער האָט שטודירט פּאָליטישע עקאָנאָמיע, פֿילאָסאָפֿיע און געענדיקט אַלס דאָקטאָר יורי.

זײַענדיק אין אויסלאַנד, געשריבן אַ סך וועגן ייִדישע עמיגראַציע־פּראָבלעמען. סוף 1918 צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד, געווען פֿאָרשטייער פֿון די ס״ס אינעם „ראַט פֿון אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן”. נאָך דער רעוואָלוציע אין דײַטשלאַנד צוריקגעקומען קיין וואַרשע, געווען מיטגליד אין פּרעזידיום פֿונעם וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט. אין 1922 פֿאַראייניקט די „פֿאַראייניקטע” מיט דער „אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי” פֿון פּוילן, וווּ ער און ד״ר יוזעף דראָבנער זענען געווען אָנפֿירערס. געווען רעדאַקטאָר פֿון אַ ריי ייִדישע און פּוילישע פּאַרטיישריפֿטן. געווען דעלעגאַט פֿון זײַן פּאַרטיי אויף אַלע קאָנגרעסן פֿון אַזוי גערופֿענעם „צוויי און אַ האַלבן אינטערנאַציאָנאַל”. איינער פֿון די גרינדערס פֿון דער געזעלשאַפֿט „אָרט” אין פּוילן. טוער אין דער ייִדישער שול־באַוועגונג. די לעצטע צײַט געפֿינט ער זיך אין ישראל, וווּ ער איז טעטיק אין די מפּאַי.

---

## קרינסקי מאַגנוס

געבוירן אין 1863 אין ריזשנוי (רוזשאַני), גראָדנער גובערניע. געלערנט אין חדרים און ישיבות ביז 11 יאָר. צו 19 יאָר זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט השכלה און אַלגעמיינער בילדונג. אַוועק קיין קיִעוו און זיך געגרייט צום אוניווערסיטעט.

זינט 1903 געוווינט אין וואַרשע. זײַן טעטיקייט אַלס מחבר אָנגעהויבן מיטן אַרויסגעבן דאָס העברעיִשע לערנבוך „ראשית דעת” (1896), וואָס האָט אויסגעהאַלטן 150 אויפֿלאַגעס. אין 1904 געגרינדעט דעם פֿאַרלאַג „האור” מיט אַ ייִדישער אָפּטיילונג „ביכער פֿאַר אַלע”, אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע ריי לערנביכער אין העברעיִש, ווי אויך איינס פֿון די ערשטע מאָדערנע לערנביכער אין ייִדיש „דער ייִדישער לערער”. ער האָט אויך רעדאַקטירט „די ייִדישע ליטעראַטור־וויסנשאַפֿט”. אין 1907—1908 אַרויסגעגעבן דאָס ערשטע ייִדישע אילוסטרירטע וואָכנבלאַט אין פּוילן און רוסלאַנד „ראָמאַנצײַטונג” און אין 1912 דעם העברעיִשן אילוסטרירטן קינדער־זשורנאַל „השחר”. געווען איינער פֿון די גרינדערס פֿון „מאָמענט”. אין 1908 געגרינדעט און אָנגעפֿירט מיט דער ערשטער מיטלשול אין וואַרשע פֿאַר ייִדישער יוגנט, באַרימט אַלס „קרינסקיס גימנאַזיע”. געשטאָרבן איז מ. קרינסקי אין וואַרשע אין יאָר 1916.

---

## ראַקאָווסקאַ פּועה

געבוירן אין יולי 1865 אין ביאַליסטאָק. דער פֿאָטער — מיט אַ יחוסקייט פֿון 36 דורות רבנים. ראַקאָווסקאַ האָט באַקומען אַן אַלגעמיינע און אַ ייִדישע דערציִונג. געלערנט אין חדר צוזאַמען מיט ייִנגלעך חומש און רשי. צו 12 יאָר געענדיקט אַלס די בעסטע שילערין אַ פּריוואַטע פּירקלאַסיקע שול. צוליב שרײַבן אום שבת נישט געקענט אָנקומען אין גימנאַזיע און געלערנט אין דער היים שפּראַכן און בפֿרט העברעיִש. צו 15 יאָר געלייענט שוין די נײַע העברעיִשע ליטעראַטור, געלערנט „עין יעקב” און אַפֿילו אַ בלאַט גמרא. זי האָט אָנגעהויבן איבערצוזעצן פֿון רוסיש אויף העברעיִש און דרוקן אין דער „הצפֿירה”. אין 1890 אַ גרושה מיט צוויי קינדער, האָט זי דורכגעמאַכט דעם עקזאַמען פֿון אַ מיטלשול און געוואָרן פֿאַרוואַלטערין פֿון אַ שול פֿאַר מיידלעך אין לאָמזשע. אין אַ פּאָר יאָר אַרום ווערט זי פֿאַרבעטן אַלס אָנפֿירערין פֿון „יהודיה” — די ערשטע העברעיִשע שול פֿאַר מיידלעך אין וואַרשע. דאָ האָט זי אָנגעהויבן צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער חובבי־ציוניסטישער באַוועגונג אַלס פּראָפּאַגאַנדיסטין, דערהויפּט צווישן פֿרויען. געווען צווישן די גרינדערס פֿון דער ערשטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן „בני ציון”. געשאַפֿן און אָנגעפֿירט אין וואַרשע אַ נעץ פֿון ציוניסטישע פֿרויען יוגנט־פֿאַראיינען. צוליב דער מלחמה געמוזט זײַן אין ווילנע. אין 1916 איז זי צוריקגעקומען קיין וואַרשע, געאַרבעט אַלס העברעיִשע לערערין אין פּריוואַטע גימנאַזיעס, זיך באַטייליקט אויף דער ציוניסטישער קאָנפֿערענץ אין לאָנדאָן (1920). פֿון דאָרט אַוועק קיין ישראל, וווּ זי האָט געאַרבעט אַלס לערערין אין אַ פֿאַכשול פֿאַר מיידלעך. אין אַ יאָר אַרום איז זי צוריקגעקומען קיין פּוילן און אַ דאַנק איר ענערגיע האָט זי געשאַפֿן אין וואַרשע די צענטראַלע פֿון „אַ ייִדישן פֿרויען־פֿאַרבאַנד” מיט אָפּטיילונגען אין פֿאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. אַלס סעקרעטאַרין פֿון פֿאַרבאַנד איז זי געווען איינע פֿון די פֿירערינס פֿון דער בירגערלעכער ייִדישער פֿרויען־באַוועגונג אין לאַנד.

אחוץ אַרטיקלען אין דער ייִדישער פּרעסע, דערהויפּט וועגן דער פֿרויען־פֿראַגע, האָט זי פֿאַרעפֿנטלעכט די בראָשור „די ייִדישע פֿרוי און די מאָדערנע פֿרויען־באַוועגונג”, געווען מיטרעדאַקטאָרין פֿון דער חודשלעכער „פֿרויענשטים”. נאָך דעם האָט זי זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט ליטעראַטור־איבערזעצונגען. צווישן אַנדערע האָט זי פּובליקירט אין בוכפֿאָרעם „ווער איז שולדיק אינעם וועלט־קריג” פֿון קאַרל קויטסקי, „מעמואַרן פֿון אַ סאָציאַליסט” פֿון לילו בראַון, די ראָמאַנען־סעריע פֿון וויקטאָר מאַרגאַריט „די בחורטע”, „דער חבר”, „דער נײַער דור”, „דײַן קערפּער געהערט דיר”. די לעצטע יאָרן האָט זי געלעבט אין ישראל. געשטאָרבן איז זי סוף מײַ 1954.

---

## ראַקאָווסקי מאַרק

געבוירן אין מאַלקין דעם 5טן יוני 1890, וווּ זײַן פֿאָטער האָט געפֿירט גרויסע געשעפֿטן. געלערנט אין חדר און מיט אַ לערער אין דער היים, געענדיקט אַ קורס פֿון אַ מיטלשול און באַזונדערס זיך אָפּגעגעבן מיט שטודירן פֿרעמדע שפּראַכן. ראַקאָווסקי האָט זײַן טעטיקייט אַלס איבערזעצער אָנגעהויבן אין ביאַליסטאָק מיט אַ ביכל „יאַפּאַנישע מעשהלעך” און מיט עדמאָנדאָ ד׳אַמיטשיסעס „קליינע מענטשעלעך” און „דער מלך פֿון די ליאַלקעס”. אין 1922 האָט ראַקאָווסקי באַווירקט דעם סוחר ש. יאַטשקאָווסקי צו גרינדן

א יִדישן פאַרלאַג, דערהויפּט פאַר איבערזעצונגען, און אין משך פון דרײַ יאָר האָט ראַקאָווסקי איבערגעזעצט „די פישער פון איסלאַנד" פון פּיער לאָטי, „דזשאָוואַני עפּיסקאָפּאַ" פון גאַבריעל ד'אַנונציאָ, און ביכער פון קלאָד פאַרער, לאַפּקאַדיע, וו. דאָראָשעוויטש, ג. דע מאָפּאַסאַן, מאַרסעל פּרעוואָסט, קאַטול מענדעס א"אַ. נאָך דעם ווי יאַטשקאָווסקי האָט פאַרקויפט זײַן פאַרלאַג צו ח. בזשאָזאַן, האָט ראַקאָווסקי געגרינדעט אַן אייגענעם פאַרלאַג אונטערן נאָמען „ביבליאָטעק מאַרק ראַקאָווסקי", אין וועלכן עס זענען אין משך פון 1927—1928 אַרויס די ווײַטערדיקע איבערזעצונגען: „סאַלאַמבאָ", מאַדאַם באָוואַרי" פון גוסטאַוו פלאָבער, „טאַרטאַרין פון טאַראַסקאָן„ פון אַלפאָנס דאָדע, „מאַדמואַזעל זשאָפער" פון מאַרסעל פּרעוואָסט, „קירא קיראַלינא" פון פּאַנאַיט איסטראַטי, „דער פרויען־גן־עדן" פון בלאַסקאָ איבאַנעס, „ישוי הנוצרי" פון אַנרי באַרבוס א"אַ. ראַקאָווסקי האָט אויך געשריבן ליטעראַרישע אַרטיקלען אין פאַרשידענע צײַטונגען און זשורנאַלן.

---

## רעגאַלסקי מ. — יצחק בערלין

מאַרקאָס רעגאַלסקי — דער פּסעוודאָנים פון יצחק בערלין — איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע דעם 15טן יוני 1885. ער האָט געענדיקט גימנאַזיע אין ווארשע, געהערט לעקציעס איבער פילאָסאָפיע און ליטעראַטור אין בערלין, 2 יאָר שטודירט אין נ'־יאָרקער אוניווערסיטעט. זײַן געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אין 1903 אַלס ציוניסט, זיך דערנענטערט צו דער גרופּע פון אַרבעטער־ציוניסטן אין ווארשע, געלייענט לעקציעס איבער דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אויף אומלעגאַלע קרײַזלעך. אין 1904—1905 אַרײַן אַלס מיטגליד פון ווארשעווער קאָמיטעט פון דער ס"ס־פּאַרטיי, אונטערן נאָמען פון איסאַק וואַרשאַווסקי, אַרויסגעטראָטן אויף די גרויסע מיטינגען אין ווארשע. סוף 1905 געשיקט געוואָרן אַלס אָנפירער פונעם צ.ס"ס קאָמיטעט קיין זשיטאָמיר. אין 1909 קומט ער צוריק קיין ווארשע, ווו ער האָט מיטגעאַרבעט אין א. רייזענס „אייראָפּעיִשע ליטעראַטור", ווערט דאָרט אַרעסטירט און נאָך דער באַפרײַונג פון ווארשעווער תפיסה, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין בערלין, פון וואַנען ער האָט געשריבן פאַר מערערע צײַטונגען. בעתן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן אין א קאָנצענטראַציע־לאַגער. עטלעכע מאָל האָט אים דאָס דײַטשע אויסלאַנדס־מיניסטעריום פאַרגעלייגט צו ווערן א פרעסע־אַגענט פאַר דײַטשלאַנד וואָס רעגאַלסקי האָט אָפּגעוואָרפן. א דאַנק דער הילף פון הערמאַן שטרוק האָט ער סוף 1914 פאַרלאָזט דײַטשלאַנד. א קורצע צײַט רעדאַקטירט אין קאָפּענהאַגען א קליינע טאָגצײַטונג „דאָס פאָלק", נאָך דעם אַוועקגעפאָרן קיין נ'־יאָרק. דאָרט האָט ער געשריבן אין פאַרשידענע אויסגאַבעס. סוף 1918 איז ער פאַרבעטן געוואָרן קיין בוענאָס־איירעס אַלס רעדאַקטאָר פון דעם פ"צ־וואָכנבלאַט „די נײַע צײַט". ער איז געוואָרן א שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „די אידישע צײַטונג". אין די לעצטע יאָרן איז רעגאַלסקי צוריקגעצויגן פון דער טעגלעכער פרעסע, אָבער ער אַרבעט מיט אין די מפּאַיִשע פּאַרטיי־אויסגאַבעס, ווו ער פאַרטיידיקט גאַנץ אָפט דעמאָקראַטישע און אַנטימלחמהדיקע שטאַנדפּונקטן.

---

## שאַצקי יעקב ד"ר

געבוירן אין ווארשע אינעם יאָר 1893. זײַן ערשטע דערציִונג באַקומען אין חדר און בײַ פּריוואַטע לערערס. געאַרבעט אין א טוךגעשעפט און נאָך דעם אין א ביוראָ. אין 1913 איז ער אַוועק קיין קראָקע, ווו ער האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אויף מאַטורע. שטודירט געשיכטע און פילאָסאָפיע אין לעמבערג, ווין, בערלין און ווארשע. אין 1918 איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס רעפערענט פאַר יִדישע ענינים בײַם אויסערן־מיניסטעריום אין פּוילן. אין מײַ 1919 איז ער געשיקט געוואָרן פון דער פּוילישער רעגירונג אויסצופאָרשן די בלוטיקע געשעענישן פון די אַפּריל־טעג ,אָבער אַזוי ווי שאַצקיס מאַטעריאַלן וועגן דעם ענין זענען אַוועקגעלייגט געוואָרן אין אַרכיוו און קיין אויספאָרשונג איז נישט געמאַכט געוואָרן, האָט ער זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע.

שאַצקי איז געווען טעטיק אַלס לערער פון געשיכטע אין די יִדיש־פּוילישע גימנאַזיעס אין ווארשע און אַלס אַסיסטענט פאַר געשיכטע אין אוניווערסיטעט.

זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט האָט שאַצקי אָנגעהויבן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, שרײַבנדיק אין יִדישע, פּוילישע און רוסישע אויסגאַבעס. סוף 1922 איז שאַצקי אַוועקגעפאָרן קיין נ'־אַמעריקע, ווו ער האָט ערשט אָנגעהויבן זײַן ליטעראַריש־פאָרשערישע אַרבעט אין ברייטן פאַרנעם, שרײַבנדיק כמעט פאַר אַלע יִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן. שאַצקיס פאָרש־געביט איז הויפּטזאַכלעך כמעט די געשיכטע פון יִדישן טעאַטער און די יִדישע ווארשע. שאַצקיס אויסגאַבן אַרבעטן זענען פּובליקירט געוואָרן אין פאַרשידענע זאַמלביכער אין ייִוואָ. ער איז א מיטאַרבעטער פון דער אַלגעמיינער יִדישער ענציקלאָפּעדיע ,פּאָרזיצער פון יִדישן פּען־קלוב אין נ'־אַמעריקע, אָנפירנדיקער טוער און אַז"וו.

אין בוכפאָרעם זענען דערשינען „שפּינאָזאַ און זײַן סביבה", „אין שאָטן פון עבר", 3 בענד „געשיכטע פון יִדן אין ווארשע". יעקב שאַצקי געפינט זיך אין נ'־אַמעריקע.

---

## שוואַלבע נתן

געבוירן דעם 26טן נאָוועמבער 1883 אין לובלין, אין א סוחרישע פאַמיליע. געענדיקט די רעאַלשול אין ווארשע און שטודירט אין קראָקאָווער אוניווערסיטעט. זײַן זשורנאַליסטישע טעטיקייט האָט שוואַלבע אָנגעהויבן אין פּויליש, אַלס רעדאַקציע־מיטגליד פונעם יִדיש־פּוילישן טאָגבלאַט „פּשעגלאָנד צאָדזשעני"" אין ווארשע — 1913. אין 1914 אַריבער אין „הײַנט". בעת דער מלחמה געגרינדעט א יִדיש־פּוילישע צײַטונג „אָפּיניאַ זשידאָווסקאַ", וועלכע איז פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער דײַטשער אָקופּאַציע־מאַכט. נאָך דעם געוואָרן שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „נאַש קוריער" און פונעם ציוניסטישן טאָגבלאַט „דאָס יִדישע פאָלק" וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט'ן „הײַנט". נאָך דעם איז שוואַלבע אַריבער אין „מאָמענט", פון וואַנען ער איז באַזײַטיקט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן האָט שוואַלבע געשריבן אין די יִדישע צײַטונגען.

אין 1939 האָט ער זיך געראַטעוועט אין ראַטן־פאַרבאַנד, ווו ער האָט געאַרבעט אין א צוקער־פאַבריק ווי א בוכהאַלטער, דאָרט געשטאָרבן.

---

## שיפּער יצחק ד״ר

געבוירן אין נאָוועמבער 1884 אין טאַרנע, מערב־גאַליציע. שטאַמט פון אַן אויפגעקלערטער רבנישער פאַמיליע. ביז 16 יאָר געלערנט אין חדר און ישיבה. גלײַכצײַטיק באַזוכט די פּוילישע פאָלקסשול און די גימנאַזיע, דערנאָך שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פון קראָקע און ווין יוריספּרודענץ און פילאָסאָפיע. אין 1907 באַקומען דעם טיטל ד״ר יורי, אַ סך יאָרן געאַרבעט אין דײַטשע און פּוילישע אַרכיוון און ביבליאָטעקן. יונגערהייט געשטאַנען נאָענט צו דער פּפּ״ס, שפּעטער, נאָך אַלס גימנאַזיסט, זיך אָנגעשלאָסן צו דער ציוניסטישער באַוועגונג און געגרינדעט די ערשטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין מערב־גאַליציע. אין 1903 צוגעשטאַנען צו דער פּ״צ־פּאַרטיי. אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געדינט אין דער עסטרײַכישער אַרמיי אַלס איינפאַכער זעלנער און שפּעטער אַלס מיליטערישער ריכטער. נאָך דער צעפאַלונג פון עסטרײַך אָרגאַניזירט אין קראָקע אַ ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט, פון וועלכן ער איז געווען וויצעפּאָרזיצער, און אַ ייִדישן זעלבשוץ־רעגימענט, וואָס האָט בעת דער פּאָגראָם־כוואַליע אין גאַליציע — סוף 1918 — מיט אַ 30 קרבנות, פאַרטיידיקט די ייִדן אין אָשוויענצים, קראָקע, כזשאַנאָוו־בזשעסקאָ א״א. אין 1919 אַרײַן אויפן אָרט פון ד״ר מאַקס ראָזענפעלדן אַלס דעפּוטאַט אין פּוילישן גרינדונגססיים פון כאָלמער קרײַז און זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין וואַרשע. געאַרבעט אין אַלע פּראָגראַם־קאָמיסיעס פון געזעצגעבערישן סיים, אויך אין דער קאָמיסיע וועגן דער פּינסקער שחיטה, אחוץ דעם אין דער ייִדישער קאָמיסיע און אין דער קאָמיסיע פאַר אַרבעטשוץ. נאָך דער שפּאַלטונג פון די פּ״צ אַריבער צו די רעכטע, אָבער בעת די וואַלן צום צווייטן סיים אין 1922 איבערגעריסן אויך מיט די רעכטע פּ״צ און זיך אָנגעשלאָסן צו די אַלגעמיינע ציוניסטן, אויסדערוויילט געוואָרן פון זייער בלאָק אַלס דעפּוטאַט, געווען מיטגליד פונעם אַזוי גערופענעם „ייִדישן קאָלאָ״. אין 1924 אַ געוויסע צײַט געווען פאָרזיצער פון דעם פאַראיין פון ייִדישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין וואַרשע, דערנאָך דירעקטאָר פון ייִדישן אַקאַדעמישן הויז.

אָנגעהויבן זײַן ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט אין 1902 מיט אַן אַרבעט „וועגן קאַזשימיר דעם גרויסנס געזעץ־געבונג לגבי ייִדן״ — פאַר וועלכער ער האָט באַקומען די ערשטע פּרעמיע פון קראָקאָווער אוניווערסיטעט. זינט דעמאָלט האָט ער מיטגעאַרבעט אין אַ ריי וויסנשאַפטלעכע און אַלגעמיינע זשורנאַלן. אין צאָלרייכע אויסגאַבעס האָט ער פאַרעפנטלעכט זייער פיל אַרבעטן אויפן געביט פון דער ייִדישער געשיכטע, ליטעראַטור און טעאַטער־געשיכטע, אויך קריטישע און פּובליציסטישע אַרטיקלען. פון זײַנע גרעסערע אַרבעטן זענען צו פאַרצייכענען „די ייִדן אין טאַרנע״ — אין פּויליש — „אָנהייב פון קאַפּיטאַליזם בײַ ייִדן אין מערב־אייראָפּע״ — אין דײַטש — שפּעטער איבערגעזעצט געוואָרן אין רוסיש, פּויליש און ייִדיש. אין 1911 האָט ער פאַרעפנטלעכט אין פּויליש „די ווירטשאַפטס־געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער״ איבערגעזעצט אויף ייִדיש פון דניאל לייבל און עמנואל רינגעלבלום.

די וויכטיקסטע ווערק זײַנע האָט שיפּער געשריבן אין פּויליש און דײַטש. דריי מאָנאָגראַפיעס זענען איבערגעזעצט געוואָרן פון רינגעלבלומען און אַרײַן אין דעם בוך „קולטור געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער״. די אַנדערע קאַפּיטלען פון דעם בוך, ווי „ייִדישע קוואַרטאַלן אין פּוילן״, „די גדולי הדור״, „קולטור און זיטן״ — „געשיכטלעכע בילדער פונעם ייִדישן לעבן אין פּוילן״, „די נעמען פון די ייִדן אין פּוילן בעת דעם 14טן און 15טן יאָרהונדערט״, „די אומגאַנגסשפּראַך פון די פּויליש־רײַסישע ייִדן בעת דעם 14טן און 15טן יאָרהונדערט״ — האָט שוין שיפּער געשריבן אָריגינעל אין ייִדיש די הויפּטשפּראַך פון זײַן ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט זינט זײַן באַזעצן זיך אין וואַרשע. צוזאַמען דערמיט פאַרשטאַרקט זיך אויך זײַן אינטערעס פאַר דער געשיכטע פון דער ייִדישער טעאַטער־קונסט, שפּראַך און ליטעראַטור, געביטן וועלכע ער האָט די לעצטע יאָרן געווידמעט אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען און מאָנאָגראַפיעס אַלס פאָרשטודיום צו זײַן מאָנומענטאַלער פּיאָנערישער אַרבעט — „געשיכטע פון ייִדישער טעאַטער־קונסט און דראַמע פון די עלטסטע צײַטן ביז 1750״.

אָנצאָליק זענען די היסטאָרישע ליטעראַרישע און קריטישע אַרבעטן וואָס שיפּער האָט פאַרעפנטלעכט אין צײַטונגען און זאַמלהעפטן, וועלכע האָבן נאָך זייער תיקון אין בוכפאָרעם נישט באַקומען. אַלס פירער פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע בײַם ייִוואָ אין וואַרשע איז שיפּער געשטאַנען אין צענטער פון דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע.

געענדיקט זײַן לעבן האָט שיפּער אַלס איינער פון די זעקס מיליאָן קדושים, מאַרטירער און קעמפערס אינעם וואַרשעווער געטאָ.

---

## שמיט, אַנדזשעי

אין די ערשטע חדשים פון 1942 האָט זיך אין געטאָ געיאָוועט דאָס מערקווירדיקע געשטאַלט פון אַנדזשעי שמיט.

וועגן דעם דאָזיקן שלאַנקן, עלעגאַנטן ברונעט, וועלכער האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ געוויינלעכן פּאַצעט, אַ פאַנגער פון פּרויענהערצער, זענען אין געטאָ אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע לעגענדעס. מענטשן האָבן זיך אין די אויערן געשעפּטשעט, אַז ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ סאָוויעטישן פּאַראַשוט.

מען האָט דערציילט וועגן אים וווּנדער ,וועגן זײַן העלדישקייט, פלינקייט, דרייסטקייט. באמת איז זײַן נאָמען געווען עליע מאָזעס: (אָדער פּיניע קאַרטין) געבוירן אין יאָר 1909 אין מינסק־מאַזאָוויעצק, ווו ער האָט געענדיקט אַ האַנדלסשול און נאָך אַלס שילער אַרעסטירט געוואָרן פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט. אַרויסגעקומען פון תפיסה, קאָן ער זיך נישט אומקערן צו דער שולבאַנק, ער ווערט אַ שלאָסער־אַרבעטער. ער זיצט ווידער אין תפיסה, דינט אין מיליטער. אין יאָר 1936 פאָרט ער קיין שפּאַניע, ווו ער צייכנט זיך אויס אַלס אָפיציר אין דער דאָמבראָווסקי־אָפּטיילונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע און אין דער ייִדישער באָטווין־קאָמפּאַניע. ער באַטייליקט זיך אין די שווערע קאַמפן בײַ סאַמאָסיערא. אין שפּאַניע קען מען מאָזעסן אונטערן נאָמען אַנדזשעי שמיט, אָדער „טשאַרני אַנדזשעי״ — דער שוואַרצער אַנדזשעי. דער נאָמען בלײַבט אים ביזן סוף. אַ געוויסע צײַט לעבט ער אין געטאָ אונטערן נאָמען קאַראָטשין.

נאָך שפּאַניע קומען די שווערע יאָרן פון די לאַגערן אין פראַנקרײַך און אין צפון־אַפריקע. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון דער סאָוועטישער רעגירונג ווערט מאָזעס — שמיט — אין איינעם מיט נאָך אַ סך חברים פון שפּאַנישן קריג באַפרײַט און איבערגעשיקט קיין ראַטן־פאַרבאַנד. בעתן מלחמה־אויסבראָך אין 1941 געפינט ער זיך אין אַן אָפּרוהויז הינטער מאָסקווע. עם דערגייען אהין די שוידערלעכע גרוסן פון פּוילן, פון וואַרשעווער געטאָ. שמיט

קאָן נישט רוען. ער שטעלט זיך פֿרײַוויליק צו דער הייליקער אַרבעט. דורך אומלעגאַלע וועגן קומט ער קיין ווארשע, שטעלט זיך אין די רייען פֿון פפ״ר, גייט אין געטאָ און ווידמעט זײַן גאַנצע דערפֿאַרונג דער זאַך פֿון באַוואָפֿענען די ייִדישע יוגנט, פֿון שאַפֿן אַ זעלבשוץ.

מאָזעס־שמיט איז נישט געווען דער איינציקער וואָס איז פֿון ווײַטן ראַטן־פֿאַרבאַנד געקומען העלפֿן די ברידער אין געטאָ. עס איז אויך געקומען — ווײַזט אויס, אויך אויף אַ פּאַראַשוט — דער היטל־מאַכער איסר קאַנדעל, וואָס איז אין גיכן געפֿאַלן אין קאַמף, און נאָך אַנדערע.

פֿון ב. מאַרק׳ס בוך „חורבות דערציילן . . . "

---

## פּיעטרושקאַ שמחה (1950—1883)

געבוירן אין פּראַגע, בײַ ווארשע, אין אַ משפּחה פֿון וואָרקער חסידים. ביז 16 יאָר געלערנט אין ישיבות און געשמט א״נ דער „פּראַגער עילוי", דערנאָך אונטער דער ווירקונג פֿון דעם געלערנטן חיים־יחיאל באָרנשטיין און ד״ר ש. א. פּאָזנאַנסקי אָנגעהויבן צו שטודירן לימודי־חול און גרייטן זיך פֿאַר ראַבינער, מיט דער אונטערשטיצונג פֿון דעם ספּעציעלן פֿאָנד „לומדי תורה" בײַ דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע. זשורנאַליסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן 1912 אין דער טאָגצײַטונג „נײַעס", אַרויסגעגעבן פֿון די אַסימילאַטאָרן בעת די וואַלן צו דער 4טער גאָסודאַרישער דומע. אין דער צײַטונג איבערגעזעצט דערציילונגען פֿון באָלעסלאַוו פּרוס, עליזאַ אָזשעשקאָ, מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, הענריק שענקעוויטש, אויך געשריבן פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען א״פּ פּלוני־אַלמוני. בשעת דער מלחמה געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר פֿון ד״ר פּאָזנאַנסקי, געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פֿון דעם טאָגבלאַט פֿון די אָרטאָדאָקסן „ דאָס ייִדישע וואָרט", איבערגעזעצט אַ ריי ווערק פֿון רוסיש און דײַטש. אַ געוויסע צײַט געאַרבעט אַלס נאַכטרעדאַקטאָר אין „הײַנט", דערנאָך אין אַגודיסטישן טאָגבלאַט „דער יוד", אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל פֿאַר חכמת־ישראל א״ט „תבונה". זינט דעצעמבער 1920 ביז מאַרץ 1924 אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט אַ וואָכנבלאַט „דער עמיגראַנט". בשעת די וואַלן צום סיים 1922, צוזאַמען מיט הלל צייטלין, אַרויסגעגעבן אַ ריי נומערן פֿון אַ פּאָלעמישן וואָכנבלאַט „דער בליץ", דערהויפּט געווענדט קעגן דעם בלאָק פֿון צעטל 16. 1924 מיטגעגרינדעט און רעדאַקטירט דאָס וואָכנבלאַט „האַנדלס־צײַטונג". 1925 אַוועק קיין א״י אַלס קאָרעספּאָנדענט פֿון „הײַנט" און שפּעטער אויך פֿון נ״י־ער „טאָג", ווּ ער האָט געשריבן אונטער דעם עטוואָס געענדערטן נאָמען פּעטרושקין. האָט אויך געשריבן א״פּ פּלוני־אַלמוני, איש יהודי, יוריסט, באַנקאָוועץ, קאַליף. אין דער צײַט פֿון דער פּערטער עליה זענען זײַנע בריוו פֿון א״י געווען זייער פּאָפּולער אַלס גוטער מאַטעריאַל וועגן דער לאַגע אין לאַנד. סוף 1926 באַזוכט אַמעריקע און פֿאַרעפֿנטלעכט אין „טאָג" אויף היסטאָרישע און יודאַיִסטישע אָפּהאַנדלונגען. פֿון זײַנע אַרבעטן אין בוכפֿאָרעם זענען אַרויס: „ארץ ישראל — אַלגעמיינע באַשרײַבונגען פֿון הייליקן לאַנד אין היסטאָרישער באַלײַכטונג" (פֿ״ג „אַלטנײַלאַנד", ווארשע 1921), „יודישע געשיכטע", — איבערגעזעצט פֿון הרב הד״ר א. קאַטעק, אין גײַסט פֿון דער אָרטאָדאָקסישער טראַדיציע (פֿ״ג „אַלט־יודיש", ווארשע 1921) ד״ר לעהמאַנס ראָמאַן „רבי יאָזלמאַן", אַ בוך פֿון וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, א״א. האָט אויך איבערגעזעצט אויף פּויליש קאַטעקס געשיכטע און די „ניינצן בריוו" פֿון ד״ר רפאל הירש. 1916—1917 באַאַרבעט פֿאַר דער אוניווערסיטעטס־ביבליאָטעק אין ווארשע, אַ גרויסן ביבליאָגראַפֿישן און ביאָגראַפֿישן קאַטאַלאָג פֿון דער ביבליאָטעק בײַ דער ווארשעווער סינאַגאָגע. דער גרעסטער ליטעראַרישער אויפֿטו פּיעטרושקאַס איז זיכער געווען זײַן איבערזעצונג פֿון „משניות" אויף ייִדיש.

ד״ר שמחה פּעטרושקאַ איז געשטאָרבן דעם 10טן אַפּריל 1950 אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

---

## איינהאָרן אהרן (1884)

געבוירן אין קיידאַן, קאָוונער ליטע. ביז 17 יאָר געלערנט תלמוד, דאַן עקסטערן, געענדיקט אַ מיטלשול אין פּאַריז. זשורנאַליסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין 1905. אין 1911 זיך באַזעצט אין ווארשע. פֿון 1912 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון „הײַנט", ווּ ער האָט געשריבן פּובליציסטישע און ציוניסטישע אַרטיקלען, פֿעליעטאָנען, טעאַטער־קריטיק, פּאָלעמיק אונטער פֿאַרשידענע פּסעוודאָנימען. זיך אויך באַטייליקט אין אייניקע אַנדערע אויסגאַבעס, ווי: י. מ. ווייסענבערגס „ייִדישע זאַמלביכער". האָט איבערגעזעצט אַ גאַנצע ריי גרעסערע און קלענערע דערציילונגען פֿאַרן „הײַנט" פֿון רוסיש, דײַטש, פֿראַנצויזיש און אין באַזונדערע ביכער — דעם ראָמאַן פֿון אַנאַטאָל פֿראַנס „געטער זענען דורשטיק" (פֿאַרלאַג גיטלין, ווארשע 1918) און די קאָמעדיע פֿון מאָליער „דער קאַרגער" (פֿאַרלאַג „די צײַט", ווארשע 1921), וואָס איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן מיט גרויס דערפֿאָלג פֿון זיגמונט טורקאָווס טרופּע.

בײַ דער דײַטשער אָקופּאַציע אין ווארשע האָט אהרן איינהאָרן אַליין אַ סוף געמאַכט צו זײַן לעבן דורך אײַננעמען ציאַנקאַלי.

---

## נאָדעלמאַן משה (1902)

געבוירן אין ווארשע, באַזוכט אַ מיטלשול אין לובלין און אָפּגעגעבן דעם אײַנטריטס־עקזאַמען אין „פֿרײַען אוניווערסיטעט" פֿון ווארשע. זשורנאַליסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן 1920 מיט הומאָרעסקעס און פֿעליעטאָנען אין דער פּראָווינציעלער פּרעסע. שפּעטער געדרוקט פֿעליעטאָנען אויך א״פּ משהלע קלאַפּער, „דער שטעטעדיקער" אין „מאָמענט", „הײַנט", „פֿאָלקסצײַטונג", אין ניו־יאָרקער „גרויסן קונדס", „פֿאָרווערטס", אין בוענאָס־אײַרעסער „פֿאַר גרויס און קליין" און „פֿנימער און פֿנימלעך", אין ריגער „פֿאָלק" און „פֿרימאָרגן", פֿון דער דאָזיקער צײַטונג איז ער אויך געווען דער ווארשעווער קאָרעספּאָנדענט. 1922—1925 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון דעם לאָדזשער וויצנבלאַט „דער משחית". אַליין אַרויסגעגעבן אַ וויצנבלאַט „דער שטיפֿער" און הומאָריסטישע יום־טוב־בלעטער. געשריבן דעם גרעסטן טייל הומאָריסטישע טעקסטן פֿאַר דעם ווארשעווער קליינקונסט־טעאַטער „עזאזל", וועלכע האָבן געהאַט, אונטער דער רעזשי פֿון דוויד הערמאַן, אַ גרויסן דערפֿאָלג. פֿון זיי איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע „פֿרישע בייגל", מאָנאָלאָג פֿון אַ בייגל־פֿאַרקויפֿער (ווארשע 1926). בעתן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט נאָדעלמאַן זיך געראַטעוועט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. ווען ס׳האָט זיך דאָרט געשאַפֿן די קאָשטשושקאָ־אַרמיי האָט ער זיך אין איר אָנגעשלאָסן און אַלס אָפֿיציר זיך דערנאָך מיט דער אַרמיי אומגעקערט קיין פּוילן. ער איז דערנאָך אַוועק קיין אויסלאַנד, באַזעצנדיק זיך צו לעצט אין ניו־יאָרק, ווּ ער איז נאָך הײַנט ליטעראַריש טעטיק אין „מאָרגן זשורנאַל טאָג".

---

# לעוואַרטאָווסקי יוסף

יוסף לעוואַרטאָווסקי — אין געטאָ האָט מען אים גערופן פינקעלשטיין אָדער דער אַלטער יוסף —, געבוירן אין 1895, אין ביעלסק־פּאָדלאַסק (ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדשאַפט), האָט געהערט צום עלטערן דור טוערס פון דער קפּ״פּ און געהאַט הינטער זיך אַ לאַנגיאָריקע דערפאַרונג פון אַן אַרבעטער־טוער אויף די פאַרשידענע פראָנטאָפּשניטן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. זיין טעטיקייט אין די רייען פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט האָט ער אָנגעהויבן זייער יונג. ער האָט געהערט צום דור רעוואָלוציאָנערן וואָס האָט זיך דערצויגן אונטערן איינפלוס פון דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אין 1920 איז דער יונגער לעוואַרטאָווסקי געווען אַ מיטגליד פון רעווקאָם אין זיין היימשטאָט. נאָכן אַריינטרעטן אין דער קפּ״פּ האָט ער אָפּגעגעבן אַלע זיינע כוחות, אַלע זיינע פעיִקייטן, זיין גאַנץ לעבן, דער זאַך פון אַרבעטער־קלאַס.

ווי אַן אַקטיווער אַרבעטער־טוער און ווי אַ מיטגליד פון דער קפּ״פּ האָט לעוואַרטאָווסקי אָרגאַניזירט צווישן די אַרבעטער אַ גאַנצע ריי עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאַמפן. ער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון פיל שטרייקן, האָט אָרגאַניזירט די פּאַרטיירייען. במשך פון אַ סך יאָרן האָט ער זיך געפונען בראש פון די רעוואָלוציאָנערע ייִדישע אַרבעטער, אָרגאַניזירנדיק זיי אין געמיינזאַמען פראָנט מיט דעם פּוילישן אַרבעטער־קלאַס. ווי אַ פּאַרטיי־טוער האָט ער לאַנגע יאָרן פאַרנומען פאַראַנטוואָרטלעכע און אָנגעזעענע פּאָזיציעס, האָט אָנגעפירט מיטן צענטראַלן ייִדישן ביוראָ ביים צ״ק פון דער קפּ״פּ, דערנאָך איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אין דער העכסטער פּאַרטיי־אינסטאַנץ — דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי און במשך פון אַ געוויסער צייט האָט ער געהערט צום לאַנד־סעקרעטאַריאַט ביים צ״ק פון דער קפּ״פּ.

דערצויגן אין רעוואָלוציאָנערן גייסט, איז ער גופא געוואָרן אַ דערציִער פון אַ גאַנצן דור רעוואָלוציאָנערן. אַן אָנגעלייענטער אין דער ליטעראַטור פון מאַרקסיזם־לעניניזם, אַ מוטיקער און רויִקער, איז ער געוואָרן דער באַליבטער פירער פון די אַרבעטער פון וואַרשע און פון פיל אַנדערע שטעט.

ווי אַ סך אַנדערע טוערס פון דער קפּ״פּ, איז לעוואַרטאָווסקי געווען אַ מענטש מיט אַן אייזן פעסטן כאַראַקטער. ער האָט זיך נישט איינגעבראָכן ווען ער האָט צעבראָכן אַ פוס אַנטלויפנדיק פון אַ שפּיטאָל, עס האָבן אים נישט געבויגן די לאַנגע 10 יאָר אין די תפיסות פון קאַפּיטאַליסטישן פּוילן. אין געטאָ איז ער אָנגעקומען אַ באַוואָפנטער מיט אַ רייכער פּאָליטישער און קאָנספּיראַטיווער דערפאַרונג, און ער האָט זיך גיך אַרויסגערוקט ווי אַן ערשטראַנגיקע פיגור נישט בלויז אין פּפּ״ר, נאָר אין געטאָ־אונטערערד אין אַלגעמיין.

אומדערמידלעך אין דער אַרבעט, איז ער געווען דערפינדעריש אין די מעטאָדן, וואָס ער האָט געמוזט צופּאַסן צו די אומגעוויינלעכע באַדינגונגען פון לעבן אין געטאָ.

יוסף לעוואַרטאָווסקי איז געווען דער באַפולמעכטיקטער פון צ״ק פון פּפּ״ר אין געטאָ. ער איז גיך געוואָרן דער פּאָליטישער אָנפירער, דער גייסטיקער פאָטער און דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. דאָס פאַראייניקן אַלע כוחות, וואָס זענען געווען קאַמפּספעיִק און האָבן געוואָלט קעמפן, — דאָס איז דער פאַרדינסט — דער עיקר פון לעוואַרטאָווסקין, דעם פעיִקסטן פאָרשטייער פון פּפּ״ר און דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אויפן געביט פון געטאָ.

אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

---

## פּאולאַ ר. — פּערל פּרילוצקי —

געבוירן אין 1876 אין וואַרשע אין אַ פאַרמעגלעכע פאַמיליע, אַלס טאָכטער פון יחיאל משה איידעלשטיין. באַקומען אַן אַסימילאַטאָרישע דערציִונג. געענדיקט גימנאַזיע, גלייכצייטיק געלערנט אַ פּאָר יאָר מוזיק אויף ספּעציעלע קורסן אין דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע. נאָך דער חתונה מיט אַדאַם ראָזענזאַל האָט זיך ביי זיי אין הויז אויסגעבילדעט אַ ליטעראַריש־קינסטלערישער סאַלאָן און אין 1903—1905 פלעגן דאָרט פאַרקערן באַרימטע פּוילישע שריפטשטעלערס און קינסטלערס און דערנאָך אויך ייִדישע שריפטשטעלערס.

אין 1905 האָט אַדאַם ראָזענזאַל, אונטער דער השפּעה פון מאַרק אָרנשטיין ,געגרינדעט דעם ייִדישן זומער־טעאַטער אין „באַגאַטעלאַ״ און דערנאָך צוויי ווינטער־טעאַטער — „זשאַרדען דהיווער״ און מוראַנאָווער טעאַטער, און פּאולאַ האָט זיך באַמיט צו ווירקן אויף די אַרטיסטן וועגן איבערגיין צו אַן ערנסטן רעפּערטואַר. זי האָט זיך באַפריינדט מיט אסתר רחל קאַמינסקי, וואָס איז שפּעטער אויפגעטראָטן אין אירע דראַמעס. אָנגעהויבן צו שרייבן האָט פּאולאַ אין 1904 אין פּויליש, אָבער אונטער דער השפּעה פון נח פּרילוצקי, איז זי אַריבער צו ייִדיש און דעביוטירט מיט אַ ליד אין דער ליטעראַרישער ביילאַגע פון „וועג״ אין 1906, דערנאָך פאַרעפנטלעכט אין דער צייטונג עטלעכע צענדליק פּאָעמעס אין פּראָזע, טייל מאָל אין ווייסע פערזן. געשריבן אין „מאָמענט״ אַ סעריע מעשהלעך אונטערן פּסעוודאָנים משה איידעלס. אין בוכפאָרם אַרויס „דער מלאך און דער שאָטן״, „די ירושה״, „דער אַקטיאָר״, „איינער פון יענע״, „די טרייהייט״ — טעאַטער־פּיעסעס וואָס זענען אויפגעפירט געוואָרן אויף דער בינע אין פּעטערבורג, וואַרשע און איבער גאַנץ רוסלאַנד.

בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט זי זיך געפונען אין ווילנע צוזאַמען מיט איר מאַן נח פּרילוצקי. זי איז אומגעקומען אין ווילנער געטאָ.



# אַקטיאָרן און טעאַטער־שרײַבער וואָס זענען געווען טעטיק אין וואַרשע

אויפן סמך פון זלמן זילבערצווייגס „לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער" מיט שפּעטערדיקע דערגאַנצונגען.

אַ טייל נעמען וואָס זענען נישט אַריין, וועלן קומען אין צווייטן באַנד „פּנקס וואַרשע".



## אָסקאַר יוליוס (אײַזענבעט)

אין 1865 געענדיקט כענטשינסקיס פּוילישע דראַמאַטישע שול, און פון 1870 הייבט ער אָן שפּילן אויף דער פּוילישער בינע אין לובלין, לאָדזש און אַנדערע שטעט. אַרום 1880 שפּילט ער אויף דער דײַטשער בינע. אין יאָר 1890 טרעט ער צו צום יידישן טעאַטער אַ געוויסע צײַט פאָרט ער אַרום אויף דער פּראָווינץ מיט די אַקטיאָרן שפּיוואַקאָווסקי, ווײַנשטיין, און די טאַנצמאַנס. אין 1892 ווערט ער רעזשיסער פון „דײַטש־יודישן" טעאַטער אין סאַלאָן „על־דאָראַדאָ" און פירט דער ערשטער אַרויף אויף דער בינע רחל האַלפּערן — די שפּעטערדיקע אסתר רחל קאַמינסקי. פאָרט איינִיקע יאָר אַרום אַלס רעזשיסאָר מיט אַברהם־יצחק קאַמינסקי און סעם אַדלער, שפּילנדיק דראַמאַטישע און כאַראַקטער־ראָלן אויף דײַטש, דורך וואָס ער ראַטעוועט אָפּ דאָס טעאַטער פון די פּאָליציייִשע גזרות קעגן יידיש.

אין 1909 קערט ער זיך אום צוריק צו דער דײַטשער בינע, דערנאָך אַ געוויסע צײַט בײַ דער פּוילישער, און ווידער צוריק צו דער יידישער בינע.

בעתן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אָסקאַר געשפּילט אין קאַמינסקיס טעאַטער אין וואַרשע. אין 1917 וואַנדערט ער אַרום מיט איזיקאָוויטשעס טרופּע איבער דער פּראָווינץ. צוליב דער עלטער מוז ער פאַרלאָזן דאָס טעאַטער, און ווערט רעזשיסאָר אין פאַרשידענע דראַמאַטישע קרײַזן.

אָסקאַר האָט דערצויגן אַ גרויסן טייל פון דער יידישער אַרטיסטן משפּחה אין אייראָפּע. געשטאָרבן אַלס עמעריט פון וואַרשעווער יידישן קונסט טעאַטער „וויקט" אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן פון דעם י"ה.

## אָרלעסקאַ מרים

געבוירן אין וואַרשע. נאָך אַלס גימנאַזיסטקע זיך באַטייליקט אין דוויד הערמאַנס אויפפירונג פון שלום אש „מיטן שטראָם". נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע באַזוכט אָרלעסקאַ דעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט און לערנט בסוד אין דער פּוילישער דראַמאַטישער שול. אין יאָר 1919 טרעט זי אַרײַן אין דער „ווילנער טרופּע" אין וואַרשע, טרעט אַרויס אויף אַ סך אַרבעטער אונטערנעמונגען.

אַרויסגעשיקט פון דער וואַרשעווער געטאָ דורך די נאַציס קיין טרעבלינקע.

## אַרנשטיין ראָזע

געבוירן דעם 19טן מײַ 1888 אין וואַרשע, בײַ פאַרמעגלעכע עלטערן. געלערנט אין אַ פּענסיאָן, געפילט אַ גרויסע נייגונג צו דער בינע, און זיך באַטייליקט אין אַ „ליבהאָבער"־פאָרשטעלונג פון איר קוזין מאַרק אַרנשטיינס „דאָס ווילנער בעל־הביתל" אויף פּויליש, שפּעטער שפּילט זי מיט „ליבהאָבער" אויף יידיש „אוריאל אַקאָסטאַ" אין קאָמפּאַנעיעצעס טעאַטער. אַלס פּראָפעסיאָנעלע אַקטריסע האָט זי אָנגעהויבן בײַ זאַנדבערגן אין לאָדזש, דערנאָך קומט זי צוריק אין וואַרשע, טרעט אַרײַן אין ספּיוואַקאָווסקיס טרופּע מיט וועלכער זי פאָרט אַרום זעקס יאָר איבער רוסלאַנד. קומט צוריק אין וואַרשע, שפּילט אין „זשאַרדען ד'היווער" און מאַכט אַ טור איבער בערלין, פּאַריז, שווייץ, בעלגיע און בלײַבט צו לעצט אין פראַנקרײַך.

## אַרקאָ גריצי

אַ יידישע אַקטריסע, געשפּילט אין דײַטשן אָפּערעטן טעאַטער אין בערלין. אין יאָר 1917 ווערט זי אַנגאַזשירט פאַרן יידישן אָפּערעטן טעאַטער „צענטראַל" אין וואַרשע. צייכנט זיך אויס אַלס „סילוויאַ" אין די „טשאַרדאַש פירשטין" צוזאַמען מיט מיכאַלעסקאָן און כאַראַשן. בעת דער באַפרײַונג פון פּוילן פון דער דײַטשער אָקופּאַציע פאָרט זי צוריק אין דײַטשלאַנד צו דער דײַטשער בינע.

## אַניעלאַ (חנה קאָמפּאַנעיעץ־פּאָלאַקאָוו)

געבוירן אין באַלטע אינעם יאָר 1894. אירע עלטערן זענען געווען די באַוווּסטע יידישע אַקטיאָרן לאה און א. ג. קאָמפּאַנעיעץ. געענדיקט אין וואַרשע אַ רעגירונגס גימנאַזיע. נאָך אַלס קינד אָנגעהויבן שפּילן אין פאָטערס טרופּע, און אַזוי געבליבן אויף דער בינע, איבערגייענדיג זינט 1915 צום דראַמאַטישן רעפּערטואַר. ביז 1928 תמיד געשפּילט אין די טרופּעס אונטער דער אָנפירונג פון איר פאָטער, און אין סעזאָן 28—1929 אין וואַרשעווער קאַמינסקיס טעאַטער. אין 30—1929 געשפּילט אין פּאַריז.

## באַרסקאַ—פישער, (ליזע)

געבוירן אין יאָר 1888 אין אָדעס, בײַ אויפגעקלערטע פאַרמעגלעכע עלטערן, געלערנט אין גימנאַזיע, געהאַט אַ נייגונג צו געזאַנג. געזונגען אין אוקראַיִנישע כאָרן, אָנגעקומען אין קאַמינסקיס טרופּע אַלס סאָלאָ זינגערין און הייבט אָן צו שפּילן קליינע ראָלן. אין משך פון איר בינע קאַריערע האָט זי דורכגעשפּילט דעם גאַנצן אַלטן און נײַעם רעפּערטואַר. אַ ריי יאָרן געשפּילט צוזאַמען מיט אסתר רחל קאַמינסקי, דערנאָך אין „וויקט" און צום לעצט אין ווילנע. געשטאָרבן פון טיפוס בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע.

## חבל בוזגאַן

געבוירן אין יאָר 1897 אין ווילנע, ביַי עלטערן בעל־מלאכות. געלערנט אין דער שול ביַים ווילנער לערער־אינסטיטוט. דעקלאַמירט אויף די שול יום־טובים, און ווען ער טרעט אַריַין אין די העכערע קלאַסן פון דער שול, איז ער דער אָרגאַניזאַטאָר און מיטבאַטייליקטער אין די שול־פאַרוויַילונגען, אָרגאַניזירט אַ דראַמקריַיז, ווו ער שפּילט אויף רוסיש.

פון 1917—1919 איז ער סופלאָר אין פּראָפעסיאָנעלן יידישן טעאַטער. אין 1921 באַקומט ער די געלעגנהייט אין דער ווילנער טרופּע אויפצוטרעטן אין „דאָרפסיונג" און בליַיבט שוין אַלס אַקטיאָר אין דער „ווילנער טרופּע", מיט וועלכער ער מאַכט מיט דעם טורנעע איבער פּוילן און אין ווין. שפּעטער טרעט ער אַריַין אין דער דראַמאַטישער טרופּע מיט אסתר רחל קאַמינסקי, זיגמונט טורקאָוו, ש. קוטנער און א. סאַמבערג, דערנאָך אַ קורצע ציַיט מיט אַ. מאָרעווסקי. שפּעטער אַ סעזאָן אין ליפּאָווסקיס פאָלקס־טעאַטער, דאַן מיט לידיאַ פּאָטאָצקאַ, שפּילט מיט די גאַסטראָליאָרן יוליוס אַדלער און פּ. באַראַטאָוו, אַ קורצע ציַיט אין „וויקט" טרעט דערנאָך אַריַין אין געגרינדעטן ריגער „נייַער יידישער טעאַטער" ווו ער ווערט דער באַפולמעכטיקער פונעם יידישן אַרטיסטן פאַראיין אין פּוילן.

פאָרט אין אַרגענטינע, שפּילט אין פאַרשידענע טרופּעס, פאָרט אין אורוגוויַי, און נאָך עטלעכע יאָר אין מאָנטעווידעאָ פאָרט ער אין פּוילן, ווו ער פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט אינעם יידישן מלוכה־טעאַטער אין לאָדזש און איז איינער פון די הויפּט אַרטיסטן און אָנפירער פונעם יידישן מלוכה טעאַטער אין וואַרשע ביז היינטיקן טאָג.

## בוימוואָל יהודה לייב

געבוירן אין יאָר 1892 אין וואַרשע, ביַי באַלעבאַטישע עלטערן. געלערנט אין ישיבה. צו 17 יאָר געוואָרן אַ „ליבהאָבער" און דערנאָך אָנגעהויבן סופלירן פּראָפעסיאָנעל אין וואַרשעווער „עליזעאום", פאַר וועלכן ער האָט שפּעטער אויך געשריבן איינאַקטערס. אין 1912 געווען אָפּערעטן־רעזשיסאָר אין יוליוס אַדלערס־ליפּאָווסקים צירק־טעאַטער אין לאָדזש. אין 1913 אַריַינגעטראָטן צו זאַנדבערגן אין לאָדזשער גרויסן־טעאַטער. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה באַזעצט זיך אין רוסלאַנד. נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע אויפגעהערט שפּילן אָפּערעטן און געוואָרן טעטיק פאַר דער אידעע פון אַ מאָדערנעם ריינעם יידישן טעאַטער. ער איז געווען דער איניציאַטאָר פון ערשטן צוזאַמענפאָר פון די יידישע אַרטיסטן אין קיעוו און פאָרזיצער פון יידישן אַרטיסטן־פאַראיין אין דער דאָזיקער שטאָט. אין 1918 רעדאַקטירט ער דעם ערשטן און איינציקן נומער „דער יידישער אַרטיסט".

בוימוואָל איז געווען מיטגרינדער פון יידישן קינסטלער־טעאַטער „אונדזער ווינקל" אין כאַרקאָוו. געווען לערער פון דער יידישער דראַמאַטישער סטודיע אין קיעוו. אין אַפּריל 1920 אַרויסגעפאָרן מיט אַ טרופּע קיין אָדעס, אָבער אויפן וועג איז ער ביַי קאַזאַטין, בעת דאָס פּוילישע מיליטער האָט פאַרנומען אוקראַינע, אומגעקומען פון מערדערישע הענט.

בוימוואָל האָט אָנגעשריבן די וויַיטערדיקע איינאַקטערס און פּיעסעס:

„ד"ר זייפּענבלאָז", „דירה־געלט", „לעבעדיק און לוסטיק", „מאַדאַם פריַילין", „כאַצקעלע כל־בוניק" און „אויפן נגב ברענט דאָס היטל".

## בולאָוו יוסף

געבוירן אין יאָר 1899 אין ווילנע ביַי עלטערן סוחרים, באַקומען אַ יידיש־וועלטלעכע דערציִונג, נאָך אַלס קינד אַרויסגעוויזן אַ פעיִקייט צו אימיטירן זיַין רבין און די סביבה.

אין עלטער פון 13 יאָר שוין געשפּילט מיט „ליבהאָבער", אין 1919 געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר אין ווילנע, און נאָכן שפּילן אַ קורצע ציַיט אין לאָדזשער דראַמאַטישן טעאַטער ביַי קאָמפּאַניעצן טרעט ער אַריַין אין דער ווילנער טרופּע אין וואַרשע. בעת דער שפּאַלטונג פון דער ווילנער טרופּע פאָרט ער צוזאַמען מיט דעם טייל וואָס איז אָנגעפירט פון מאַזאַהן קיין רומעניע און פון דאָרט קיין נ' אַמעריקע.

בולאָוו געפינט זיך היַינט אין נ' אַמעריקע און ווערט באַטראַכט אַלס איינער פון די בעסטע קינסטלער אינעם היַינטיקן יידישן טעאַטער.

## בידערמאַן איטשע

געבוירן דעם 23טן יולי 1892 אין גראַבאָוויעץ, לובלינער גוב', אַ זון פון אַ טריסקער חסיד. געווען אין וואַרשע אַ שיקיִנגל אין אַ בלומען געשעפט, און ווען מאַרק אַרנשטיין פירט אויף מיט ליבהאָבער דוויד פּינסקיס „איַיזיק שעפטל" איז בידערמאַן אַ סופלאָר. אַזוי איז ער אַ סופלאָר אין דער סטודיע וואָס פּרץ און דוויד הערמאַן גרינדן, שפּעטער שפּילט ער מיט „ליבהאָבער" אין אַ שטאָל אין מאָקאָטאָוו. אין 1912 פאָרט בידערמאַן מיט דער פאַמיליע קיין אַמעריקע, גרינדעט אַ דראַמאַטישן קלוב, וועלכער שפּילט יעדן שבת צו נאַכט. אין 1914 טרעט ער אַריַין אין אַ טרופּע. דרוקט פאַרשידענע סקיצן און הומאָרעסקעס, שריַיבט אַן עטלעכע פּיעסעס און איינאַקטערס: „שפּענער", „ער און זי", „פּרינץ", „דער מענטש", „אויפן הימל אַ יאַריד". געפינט זיך אין נ' אַמעריקע און איז דער אייגנטימער פון באַרימטן „איטשע וו. בידערמאַן פאַרלאַג" אין ניו־יאָרק.

## בערמאַן הערמאַן

געבוירן אינעם יאָר 1859 אין וואַרשע, דער עלטערער ברודער פון אַדאָלף בערמאַן. אין דער פרישטער יוגנט אָנגעהויבן שפּילן מיט ליבהאָבער און דערנאָך געווען איינער פון די, וועלכע האָבן געלייגט דעם יסוד פאַרן יידישן טעאַטער אין פּוילן. באַטייליקט זיך אין עלדאָראַדאָ־טעאַטער אין וואַרשע, ווו גאָלדפאַדען האָט אויפגעפירט זיַינע פּיעסעס. בערמאַן האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער בינע מרים טרילינג, מיט וועלכער ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט.

אין די יאָרן 1900—1903 פאָרט בערמאַן אַרום מיט יידישע אַקטיאָרן אַלס „רוסישע געזאַנג און טאַנץ קאַפּעלע" איבער דיַיטשלאַנד, פראַנקריַיך, ענגלאַנד און שפּאַניע. שפּילט יידיש טעאַטער אין לאָנדאָן, קומט צוריק אין וואַרשע צו קאַמינסקין, שפּילט מיט די דירעקטאָרן ראַפּעל, עפּלבערג, קאַמינסקי, קאָמפּאַניעץ, זאַנדבערג, יוליוס אַדלער און הערמאַן שעראַצקי. אין די יאָרן 1921—1922 האָט שוין בערמאַן נישט געשפּילט, נאָר געלעבט אַלס עמעריט פונעם יידישן אַרטיסטן־פאַראיין. נאָכן באַקומען אַ געהירן־אָנצינדונג איז בערמאַן דעם 14טן יאַנואַר 1923 געשטאָרבן אין וואַרשע.

## בערנשטיין בערל (בורשטין)

געבוירן אין ווארשע בערך אין יאָר 1860, דער פאָטער האָט געהאַנדלט מיט געגנדז. פון דער פריסטער יוגנט געווען אַ לוסטיקער, פרייליכער זינגער און טענצער, און מען פלעגט אים רופן „בערעלע טענצער", „בערעלע האַצעק". ער האָט געאַרבעט אין פּאַליאַקעוויטשעס פּאַפּיראָסן-פאַבריק און געזונגען אין כאָר פון דער דײַטשער שיל. בערנשטיין האָט געשטרעבט צו ווערן אַן אָפּערן-זינגער און איז אַוועקגעפאָרן קיין בערלין, ווו ער האָט שטודירט אין אַ קאָנסערוואַטאָריע. אָבער ווען ער קומט צוריק אין ווארשע, ווערט ער דער הויפּטזינגער פון אַ קוואַרטעט, מיט זײַן שיינער באַסשטימע און מיט זײַן געשיקט טאַנצן רופט ער אומעטום אַרויס באַגײַסטערונג.

אין 1887 שפּילט ער אין יידישן טעאַטער אַלס כאַראַקטער-קאָמיקער. זײַן אַרומפאָרן איבער לאָנדאָן, פּאַריז און צום סוף נ' אַמעריקע מאַכט אים שטאַרק פּאָפּולער. אין 1920 ווערט ער הייזעריק און עס הייבט זיך אָן זײַן ירידה, דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט אַז ער לײַדט פון אַ ראַק. דעם 29טן אויגוסט 1922 איז ער געשטאָרבן אין ניו-יאָרק.

## ברען אברהם

געבוירן אין ווארשע. אין די יאָרן 1904—1905 געווען איינער פון די אַקטיווסטע יידישע מיטגלידערס אין דער פּפּ"ס. דורך באַקאַנטשאַפט מיט א. י. קאַמינסקי האָט ער זיך דערנענטערט צום יידישן טעאַטער און אין 1915 צוזאַמען מיט ריבאַ אויפגעבויט דאָס „צענטראַל"-טעאַטער, ווו ברען איז געווען דירעקטאָר ביזן יאָר 1926, ווען דאָס „צענטראַל"-טעאַטער האָט זיך געמוזט צומאַכן, ווײַל די שטאָט-רעגירונג האָט אָפּגעקויפט דעם טעאַטער-בנין.

ברען האָט געפּרוּווט אויפבויען אַ צווייט יידיש טעאַטער, אָבער ער איז אין דעם געשטערט געוואָרן דורך דער שטאָט-רעגירונג, און נאָכן לײַדן דורך דעם גרויסע פאַרלוסטן, איז ער געווען געצוווּנגען אויסצוּוואַנדערן קיין בראַזיל. דאָ האָט ברען געפּרוּווט גרינדן אַ שטענדיק יידיש טעאַטער, אָבער נאָך 3 חדשים האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון זײַן פּלאַן און באַנוגנט זיך מיט אײַנאָרדענען פון צײַט צו צײַט יידישע פאָרשטעלונגען. אין 1929 איז ברען געשטאָרבן אין בראַזיל.

## בריעסטאָוויצקי יצחק

געבוירן דעם 6טן יאַנואַר 1886 אין קרעמענטשוג, אוקראַיִנע, בײַ עלטערן סוחרים. געלערנט אין חדר און דערנאָך אין אַ שטאָט-שול. צו 10 יאָר ווערט ער אַ משורר. אין עלטער פון 16 יאָר טרעט ער אַרײַן אין אַ רוסישער טרופּע אַלס סצענאַריוס-פּירער. אין 1904 האָט ער שוין זײַן ערשטן אויפטריט אין דוויד סאָבסײַס טרופּע אין גאָלדפאַדענס „באָבע יאַכנע". אין 1910 שפּילט ער אין ווארשע אין דער טרופּע קאָמפּאַניעץ-ראַפּאַל און ראַפּאַל-עפּעלבוים. מאַכט פאַרשידענע טורנעען מיט יידישע טרופּעס איבער רוסלאַנד מיט יידישע פאָלקסקאָנצערטן. ענדע 1925 פאָרט ער קיין בוענאָס-איירעס, ווו ער געפינט זיך ביז הײַנטיקן טאָג.

## בלומענפעלד-טורקאָוו דיאַנאַ

געבוירן אין יאָר 1903 אין ווארשע, געענדיקט אַ מיטלשול און פעדאַגאָגישע קורסן, איז געווען אַ לערערין. אין 1921 געלערנט אין קאָנסערוואַטאָריע און דערנאָך אין אַ פּוילישע דראַמאַטישע שול. איז 1924 אַרײַנגעטראָטן אין אסתר רחל קאַמינסקיס טרופּע אין ווילנע. סוף פונעם זעלבן יאָר געשפּילט אין ווארשעווער „צענטראַל" טעאַטער. דערנאָך איז בלומענפעלד געוואָרן איינע פון די ערשטע מיטגלידער פון „וויקט", מיטגעמאַכט מיט איר מאַן יאָנאַס טורקאָוו, פאַרשידענע טורנעען. אין דער ווארשעווער געטאָ האָט זי פון צײַט צו צײַט אויפגעטראָטן אין קאָנצערטן, איבערגעלעבט דעם גאַנצן געטאָ קאַשמאַר, געפינט זיך הײַנט אין נאָרד אַמעריקע.

## בעללויה הירש גדליהו — בעלאו — בעללאַה

לויט דעם „איזראעליטאַ" האָט דעם 24טן אָקטאָבער 1868 אָנגעהויבן שפּילן אין ווארשע אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ, אין אַ ספּעציעל אויפגעבויטן בנין, אַ „טרופּע" פון יידישע אַרטיסטן, אונטער דער דירעקציע פון בעלאו.

די ערשטע פאָרשטעלונגען, וואָס די טרופּע האָט געגעבן, זײַנען געווען אַ ביבלישע דראַמע „יעקב מיט זײַנע זין" פון בעללאַו, געשפּילט אין משך פון 2 וואָכן. לויט די נאָך ווייניקע ידיעות איז בעללאַה, געווען אַ שרײַבער, אַ דראַמאַטורג און דירעקטאָר פון אַ יידיש טעאַטער אין די יאָרן 1868—1870 אין ווארשע.

## בעלערינע בעלאַ (רובינליכט)

געבוירן דעם 15טן יולי 1898 אין ווארשע. שטאַמט פון דער באַרימטער משפחה ווינאַווער-רובינליכט. געענדיקט אַ פּרויען גימנאַזיע, באַזוכט די העכערע פעדאַגאָגישע קורסן בײַם ווארשעווער אוניווערסיטעט.

מיט דער כוונה צו ווערן אַ פּוילישע אַקטריסע איז זי אין 1916 אַרײַנגעטראָטן אין דער ווארשעווער דראַמאַטישער רעגירונגס-שול, און האָט דאָרטן דורכגעמאַכט די קורסן. אונטער דער השפּעה פון דוויד הערמאַן, ווערט זי אין דער זעלבער צײַט אַ מיטגליד אין דער דראַמאַטישער סעקציע בײַם ווארשעווער „הזמיר" און שפּעטער פון „דראַמאַטישן ווינקעלע". אין 1918 ווערט בעלערינע אַ מיטגליד אין דער „ווילנער טרופּע" מיט וועלכער זי מאַכט מיט דעם גאַנצן טורנעע איבער איירּאָפּע. אין 1924 קומט זי מיט דער „ווילנער טרופּע" אין אַמעריקע.

## בעקערמאַן בעריש.

געבוירן בערך 1854 אין זאַמאָשטש לובלינער גוב', דער פאָטער אַ צוקער-בעקער. געלערנט אין חדר, און ווערנדיק צו 10 יאָר אַ יתום פאָרט ער קיין ווארשע, ווו ער גייט אַרײַן אַרבעטן צו אַ צוקער-בעקער. אייניקע יאָר שפּעטער ווערט ער אויך אַ מיטזינגער אין כאָר פון די „בראָדער זינגער", וועלכע טרעטן אַרויס אין גאָרטן פון וואָלף ליטוואַקס הויף — פראַנצישקאַנער 36 — ווו עס געפינט זיך אויך די בעקערײַ.

ווי בעקערמאַן גיט איבער, האָט זיך דאָס טעאַטער געפונען אויפן צווייטן הויף פון זעלבן הויז, אין גאָרטן. דאָס „טעאַטער" איז באַשטאַנען פון אַ הילצערנעם בנין, אין וועלכן מען האָט ספּעציעל געמאַכט אַ קרומע גאַלעריע פון ברעטער, די סצענע אַ גלײַכע פּלאַטפאָרמע, אויף וועלכער עס פלעגט אַרויסטרעטן דער אַקטיאָר מיט צוויי זינגער פון ביידע זײַטן, בעת די אַנדערע זינגער און אַקטיאָרן פלעגן זינגען פון הינטער די „קוליסן".

די טרופּע איז באַשטאַנען פון די אַקטיאָרן: אהרן טאַנער, קעפּקע-דובינסקי, שמוליק, חײַמאָוויטש, מאַקס בלומענפעלד, און פון די כאָריסטן: בערל בינשטיין, מאַקס גאָלדבערג, אברהם יצחק טאַנצמאַן, שליפערשטיין און בעריש בעקערמאַן.

א בילעט האָט געקאָסט 5 קאָפּיקעס. יעדע וואָך האָט מען געשפּילט אַן אַנדער פּראָגראַם אויף וויפל בעקערמאַן געדענקט, איז אויפן וואַנט פון דרויסן פון „טעאַטער" געהאַנגען אַ פּראָגראַם מיט אַזאַ אינהאַלט:

„איך שעם זיך אויסצוזאָגן" — געזונגען פון אהרן טאַגער.

„ברכי נפשי" — געזונגען פון שמוליק.

„דער שפּיגל מיטן זייגער" — געזונגען פון חיימאָוויטש און טאַגער.

„עז ישיר" — געזונגען פון בלומענפעלד.

„די באָרד זאָל מיר זײַן" — געזונגען פון חיימאָוויטש.

„דער חסיד מיטן דײַטשל" — געזונגען פון שמוליק און טאַגער.

„פיר פּאָרצעלײַענע טעלער" — געזונגען פון אַלע אַרטיסטן און כאָר.

„די גבורי ישראל" — געזונגען פון אַלע אַרטיסטן און כאָר.

„די דרײַ טויבן" — געזונגען פון אַלע אַרטיסטן און כאָר.

„די שוועבעלעך" — געזונגען פון אַלע אַרטיסטן און כאָר.

די פאָרשטעלונגען פלעגן זײַן זייער גוט באַזוכט, אַזוי אַז באַלד איז דער פּרײַז פון די בילעטן פאַרטאָפּלט געוואָרן. אַ קורצע צײַט דערנאָך האָט די טרופּע אויפגעפירט „שמענדריק", שפּעטער „די באָבע מיטן אייניקל", „די כשופמאַכערן", „ביידע קוני לעמל" און איז פון וואָלף ליטוואַקס גערטנדל אַריבערגעגאַנגען אין טעאַטער אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ.

צוליב פאַמיליע סיבות פאַרלאָזט בעקערמאַן די טרופּע און פאָרט צוריק קיין זאַמאָשטש, וווּ ער עפנט זיך אַ קאָנדיטערײַ. אין 1914 איז בעקערמאַן געקומען אין נ' אַמעריקע, וווּ ער באַשעפטיקט זיך מיט בעקערײַ. ער האָט אָנגעשריבן אַ סך פּיעסעס.

## גאָדיק וולאַדיסלאַוו

געבוירן אין יאָר 1893 אין קיִעוו (אוקראַיִנע), בײַ אַ פאָטער אַ סוחר, וועלכער טראָגט זיך אַריבער קיין וואַרשע, וווּ גאָדיק ענדיקט די רעאַל־גימנאַזיע און טרעט אַרײַן אין וועטערינאַרישן אינסטיטוט. ער טרעט אַרײַן אין דער דראַמאַטישער סעקציע פון „הזמיר" און אין 1911 הייבט ער אָן שפּילן אַלס פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר אין וויטעבסק אין דער פּיעסע „פּינטעלע ייִד". ער שפּילט בײַ גוזיקן, און שפּילט ייִדישע אָפּערעטעס אויף רוסיש. אין 1919 שפּילט ער אין ראַדאָם אין דער פּוילישער אָפּערעטע, וווּ ער פירט אויף אויף פּויליש „שולמית". נאָך דעם מאַכט ער אַ טורנע מיט אסתר רחל קאַמינסקי און זיגמונט טורקאָווס טרופּע, טרעט אַרײַן אין „צענטראַל"־טעאַטער, ווערט אַ מיטגרינדער פון „אַזאַזעל". אין 1937 שפּילט גאָדיק אין טעאַטער „נאָוואָשטשי", אין „טעאַטער פאַר יוגנט", וווּ ער שפּילט דעם לץ אין שעקספּירס „דער שטורעם" און דערנאָך די הויפּטראָל פון פראָגערס „מלך־פריילעך". בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע איז ער אין ראַטן־פאַרבאַנד, פון וווּ ער קערט זיך אום נאָך דער מלחמה. אין נײַעם פּוילן פאַרנעמט גאָדיק אַן ערשטראַנגיקן פּלאַץ אויף דער פּוילישער בינע, און ווערט אויסגעצייכנט דורך דער פּוילישער מלוכה פאַר זײַנע גלענצנדיקע קרעאַציעס. גאָדיק איז געשטאָרבן אין דעצעמבער פון 1952.

## גאָטליב העלענאַ

געבוירן אין יאָר 1885 אין גראָדנע, אין אַ פאַמיליע פון אינטעליגענטן. זיי פאָרן אַריבער קיין וואַרשע, וווּ גאָטליב לערנט אין גימנאַזיע. אָנגערעגט דורך אַ חברטע אַ ייִדישע אַקטריסע, פאַרבינדט זי זיך מיטן ייִדישן טעאַטער, און רײַסט צוליב דעם איבער די באַציִונגען מיט איר פאַמיליע.

נאָכן שפּילן עטלעכע יאָר מיט פּראָווינץ־טרופּעס, טרעט זי אַרײַן אין „עליזעום" און אין קאַמינסקיס טעאַטער. אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה שפּילט זי אייניקע יאָר אין רוסלאַנד, דערנאָך טרעט זי אַרײַן צוזאַמען מיט איר מאַן אײַזיק סאַמבערג אין וואַרשעווער „צענטראַל"־טעאַטער, איבערגייענדיק צו אַ נײַעם, ריינעם רעפּערטואַר, פון דאָרט ווערט זי אַנגאַזשירט אין דער „ווילנער־טרופּע", מיט וועלכע זי איז פאַרבונדן ביזן אָנהייב 1929. נאָך דעם האָט זי געטיילט מיט איר מאַן די דערפאָלגן פון אַ ריי קינסטלערישע אויפפירונגען, ווי: שעקספּירס „שיילאָק", בערגלסאָנס „טויבער", ברוקנערס „דאַנטאָנס טויט" א"אַ. בעת די דײַטשע באָמבאַרדירונגען פון וואַרשע אין 1939 ווערט העלענאַ גאָטליב פאַרווונדעט בײַ זיך אין הויז. בעת דער ערשטער גרויסער „אַקציע" אין וואַרשעווער געטאָ, ווערט גאָטליב אָוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע.

## גאָטפריד אברהם־יצחק

געבוירן אין יאָר 1877 אין וואַרשע, בײַ אַ פאָטער אַ קלייןהענדלער. גאָטפרידס עלטערער ברודער האָט געשפּילט מיט גאָלדפאַדענען אין 1887—1888, אין דער זעלבער צײַט האָט גאָטפריד צוזאַמען מיט די שפּעטערדיקע אַקטיאָרן אַדאָלף בערמאַן און בריידער פײַנשטיין געזונגען אין אַ קינדערכאָר. אין 1889 שפּילט ער מיט מיטלמאַנען אין וואָלף ליטוואַקס גאָרטן אין וואַרשע. שפּעטער האָט ער געשפּילט אין פאַרשידענע טרופּעס איבער רוסלאַנד און פּוילן.

## גאָלד גינאַ (סטעפאַ גינגאָלד)

געבוירן דעם 17טן מײַ 1909 אין וואַרשע, בײַ עלטערן סוחרים. געענדיקט אַ העברעיִשע גימנאַזיע. אין 1926 אָנגעקומען אין וואַרשעווער „סקאַלאַ"־טעאַטער אַלס כאָריסטין. אין 1927 אַרײַנגעטראָטן אין „אַזאַזעל" אַלס סאָליסטין.

## גאָלד סטעלאַ (טאָלציע שטאָלצענגאָלד)

געבוירן אין וואַרשע. דער פאָטער איז געווען משגיח אין אַ קהלשן שפּיטאָל, די מוטער אַ קראַנקן־וועכטערין אין זעלבן שפּיטאָל.

אין 1904 ווערט זי אַ מיטגליד אין „קליינעם בונד". באַטייליקט זיך אין דער ייִדישער טעאַטער־פאָרשטעלונגען „אוריאל אַקאָסטאַ", וואָס דער אײַנקונפט דערפון גייט פאַר די פאַגראַמירטע פון קעשעניעוו. אין זעלבן יאָר ווערט זי אַרעסטירט בײַ אַ פאַרזאַמלונג. מען גנבעט זי אַרויס פון די פּאָליציייִשע הענט און מען פירט זי אַריבער קיין גאַליציע, און פון דאָרט פאָרט זי קיין נ' אַמעריקע. דאָרט אַרבעט זי אין אַ שירעם־פאַבריק און אין די אָוונטן באַטייליקט זי זיך אין משך פון 2 יאָר אין די אויפפירונגען פון „וואַרשעווער פּראָגרעסיוו־דראַמאַטישן קלוב".

בעת דער אַנטשטייונג פון די וואַריעטעס, ווערט זי אַ פּראָפעסיאָנעלע אַקטריסע. באַטייליקט זיך אין קאַמף קעגן די שטרײַק־

ברעכער אין בראָנזווילער „מעטראָפּאָליטאַן סינגער־האָל", און פון דעמאָלט אָן שפּילט זי כסדר אין פאַרשידענע ייִדישע טרופּעס אין נ׳ אַמעריקע.

## גאָלדפאַדען אברהם (גאָלדענפאָדים)

געבוירן דעם 12טן יולי 1840 אין סטאַראָ־קאָנסטאַנטין, וואָלינער גובערניע. דער פאָטער אַ זייגערמאַכער איז געווען דער אייגציקער בעל־מלאכה אין שטעטל, וועלכער האָט געהאַט הנאה אַרייַנצוקוקן אין אַ ייִדיש ספר און האָט דעריבער נישט געשפּאָרט זייַן לעצטן גראָשן צו לערנען זייַן זון לשון־קודש. גאָלדפאַדענס פאָטער פלעגט אויך פון צייַט צו צייַט אָפּדרוקן אין דער העברעיִשער פרעסע קאָרעספּאָנדענצן אין דער פאָרם פון בריוו אין רעדאַקציע. דעם פאָטערס באַציִונג צום געדרוקטן וואָרט האָט געהאַט אַן השפעה אויף זייַנע קינדער. אפנים אַז די שטוב פון גאָלדפאַדענס פאָטער איז געווען אַ שטוב, וווּ עס האָט זיך לאַנגע יאָרן נאָך־אַנאַנד אויפגעהאַלטן דעם פונק פון קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן.

גאָלדפאַדען האָט געלערנט אין חדר בייַ אַ גמרא־מלמד, און בייַ אַ לערער אין דער היים — דייַטש, רוסיש און תנך מיט דייַטשע איבערזעצונגען. אויס מורא פאַר דער גזרה, אַז מען וועט נעמען קליינע קינדער פאַר סאָלדאַטן, לערנט אים דער פאָטער זייגער־מאַכערייַ, כדי צו קאָנען אים אַריבערשטעלן איבער דער רומענישער גרענעץ אַלס פאַרטיקן בעל־מלאכה. גאָלדפאַדען ווייַזט אַרויס גוטע פעיִקייטן, אָבער אַזוי ווי עס דערשייַנט באַלד דער „אוקאַז", אַז די שילער פון די נייַ־געגרינדעטע „ייִדישע קרוינשולן" וועלן באַפרייַט זייַן פון רעקרוטירונג, פאַרשרייַבט אים דער פאָטער אין 1855 אין אַזאַ שול, נישט קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפט פון די פאַנאַטיקער. גאָלדפאַדענס לערער פון יענער צייַט, אברהם בער גאָטלאָבער, שרייַבט שפּעטער וועגן דעם אין זייַנע מעמוארן:

„צווישן אַלע תלמידים איז געווען אַ ייִנגעלע גאָר אַ יונגס, אברהמלע גאָלדפאַדען. דאָס ייִנגעלע האָט חוץ דער שול, בייַ מיר אין הויז פּריוואַט געלערנט. איבער הויפּט פלעגט ער זיך זייער צוקוקן ווען איך האָב געשריבן זשאַרגאָן: דאָס איז געווען גאָר זייַן לײדנשאַפט".

גאָלדפאַדען ענדיקט די שול מיט אַן אויסצייכענונג, און אין עלטער פון 17 יאָר טרעט ער אַרייַן אין דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול. אין דער ראַבינער־שול האָט מען אויסער די טראַדיציאָנעלע רעליגיע־למודים אויך געלערנט וועלטלעכע קעגנשטאַנדן, אַזוי אַז אין דער שול האָט געהערשט אַ „מאָדערנער גייַסט". אויף זייער בקשה האָבן די תלמידים באַקומען אַ דערלויבעניש צו טאַנצן, און פלעגן, אויפפאַלנדיק קאָסטיומירט, באַזוכן מאַסקאַראַד־בעלער אין זשיטאָמירער טעאַטער. אויף דער איניציאַטיוו און אונטער דער אָנפירונג פון מאַדאַם סלאָנימסקי, די פרוי פון אינספּעקטאָר פון דער שול, איז אין 1862 אייַנגעאָרדענט געוואָרן אין דער שול אַ ייִדישע שילער־פאָרשטעלונג פון ד"ר שלמה עטינגערס קאָמעדיע „סערקעלע", אין דער קעגנוואַרט פון די שילער, לערער און דער איבעריקער זשיטאָמירער אינטעליגענץ. די טיטלראָל „סערקעלע" איז געשפּילט געוואָרן דורך גאָלדפאַדענען, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מער פון אַלעמען.

גאָלדפאַדען איז אין ראַבינער־שול אַ פלייסיקער שילער, ער ווערט דורכגעדרינגען מיט די השכלה־אידעען און באַקענט זיך מיט דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. אין דער ראַבינער־שול האָט גאָלדפאַדען געשריבן לידער אין פאָלקסטאָן, וועלכע מען האָט באַלד נאָכגעזונגען אפילו אין דער פּראָווינץ און אַזוי אַרום איז ער, נאָך זיצנדיק אויף דער שול־באַנק, געוואָרן אַ פּאָפּולערער און באַליבטער פאָלקסדיכטער. אין 1866 ענדיקט גאָלדפאַדען די ראַבינער־שול, און הייבט זיך אָן פאַרנעמען מיט ליטעראַטור, קופּלעטן, לערערייַ און אַרויסגעבערייַ פון צייַטונגען „ישראליק" — 1875—1876 — „דאָס בוקאָווינער איזראַעליטישע פאָלקסבלאַט" — 1876 —, און צווישן 5טן און 8טן אָקטאָבער 1876 האָט גאָלדפאַדען אין יאַסי, רומעניע, געגרינדעט דאָס ייִדישע טעאַטער.



נאָך דעם ווי גאָלדפאַדען וואַנדערט דורך רוסלאַנד פון אָדעס ביז פּעטערבורג הין און צוריק עטלעכע מאָל, ווערט צוליב אַ ייִדישער מסירה דעם 17טן אויגוסט 1883 דורך אַ דעקרעט פון פּעטערבורג, פאַרווערט צו שפּילן ייִדיש טעאַטער אין גאַנץ רוסלאַנד. אָבער אין די יאָרן 1885—1887 באַווייַזט זיך אַ מעגלעכקייט פאַר גאָלדפאַדענען צו עפענען אַ ייִדיש טעאַטער אין וואַרשע.

געשפּילט האָט מען אין טעאַטער „בוף", דאָס שפּעטערדיקע „עלדאָראַדאָ" און דערנאָך „באָגוסלאַווסקי". די טרופּע האָט זיך גערופן „ייִדיש־דייַטש־טעאַטער". די פאָרשטעלונגען אין וואַרשע האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג. ווי אַ בייַשפּיל קאָן דינען אַז זייַן „שולמית" איז געגאַנגען 150 מאָל בייַ פול געפּאַקטע הייַזער. נאָך אַ סיכסוך מיט דער רוסישער דירעקטאָרשע פון טעאַטער, איז גאָלדפאַדען מיט די טאַנצמאַנס אָפּגעפאָרן קיין לאָדזש, און באַלד צוריקגעקומען קיין וואַרשע און פון דאָרט איז ער אין 1887 אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע.

ס׳איז נייטיק דאָ אָנצומערקן אַז גאָלדפאַדען האָט געהאַט אַ טבע גלייַך אויפן אָרט צו רעאַליזירן אין דראַמאַטישע ווערק די סביבה, מיט וועלכער ער האָט זיך באַגעגנט. אַזוי האָט ער אין זייַן פּיעסע „די צוויי קונעלעמלעך" אַרייַנגעפירט די שטאָט לעמבערג מיט לעמבערגער פּערסאָנאַזשן. אין דער פּיעסע „דער פּאַדריאַטשיק" האָט ער אויפגענומען די בוקאַרעשטער סביבה אַרום דער רוסיש־טערקישער מלחמה, און אויך די אָדעסער סביבה האָט ער אָפּגעשפּיגלט אין זייַנע פּיעסעס. עס איז דעריבער מערקווערדיק, וואָס די יאָרן ,וועלכע גאָלדפאַדען האָט פאַרבראַכט אין פּוילן, האָבן קיין שפּורן אין זייַן שאַפן נישט געלאָזט.

מיט גאָלדפאַדענס רייַזע קיין אַמעריקע, הייבט זיך אָן זייַן וואַנדערוועג פון הין און צוריק, פון אַמעריקע קיין אייראָפּע און ווידער אַ מאָל אַמעריקע. זייַן וואַנדערן איז פּאַקטיש אויך פאַרבונדן מיט זייַן ירידה־פּעריאָד, וואָס צוזאַמען ברענגען זיי אים קראַנקהייט און פּשוטן הונגער. דעם 9טן יאַנואַר 1908 איז דער פאָטער פון ייִדישן טעאַטער געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

## גערטנער יאַקאָוו

געבוירן דעם 20טן נאָוועמבער 1900 אין וואַרשע, בייַ אַ פאָטער אַ קליינהענדלער. געלערנט אין חדר, תלמוד־תורה און פּריוואַט וועלטלעכע למודים.

פון דער פריסטער יוגנט זיך אינטערעסירט מיט טעאַטער און אין 1917 זיך באַטייליקט אין דעם דראַמקרייַז בייַם גראָסער־קלוב, דערנאָך אין דער דראַמסעקציע בייַם „הזמיר", ביז ער איז אין 1920 אַרייַנגעטראָטן אין דער „ווילנער טרופּע". אַ קורצע צייַט שפּעטער אָפּגעפאָרן קיין מאָסקווע, וווּ ער איז אָנגעקומען אין דער גראַנאָווסקי־סטודיע און שפּעטער אַקטיִרט ווי אַ מיטגליד אינעם מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער.

## גרודבערג יצחק — יצחק בער טורקאָוו

געבוירן דעם 12טן יאַנואַר 1906 אין ווארשע. אַ ברודער פון די אַרטיסטן זיגמונט און יאַנאַס טורקאָוו. געלערנט אין אַ חדר־מתוקן און בײַ זײַן ברודער זיגמונט. געענדיקט גימנאַזיע. געלערנט אין דער אַגראַר־שול פון טשענסטאָכאָוו און געאַרבעט אויף די חלוצים־פאַרמעס פון מנישעוו און גראָכאָוו. ווערנדיק אַרײַנגעצויגן אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, איז גרודבערג אייניקע מאָל געווען סעקרעטאַר פון דער רעכטער פּועלי־ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג און מיטרעדאַקטאָר פון זייער חודש־זשורנאַל „אַרבעטער־יוגנט".

אין 1924 זיך באַטייליקט אין אַן עפּיזאָדן־ראָל אין פילם. געטאָן טעכניש־ליטעראַרישע אַרבעטן. געווען טעכנישער רעדאַקטאָר פון „ייִדישע בינע" — אָרגאַן פון אַרטיסטן־פאַראיין. פאַרעפנטלעכט אין דער טעאַטער־אָפּטיילונג פון די „ליטעראַרישע בלעטער" אינטערוויוען, כאַראַקטעריסטיקעס פון אַקטיאָרן, רעצענזיעס. אין 1926 אַרײַנגעטראָטן אין דער וואַנדער־טרופּע פון זיגמונט טורקאָוו און אידאַ קאַמינסקאַ. אין סוף יאָר אַרײַנגעטראָטן אין הערמאַנס סטודיע און איבערגעגאַנגען אין „אַזאַזעל", וועלכן ער פאַרלאָזט באַלד און טרעט אַרײַן אין דער וואַנדער־טרופּע פון יאַנאַס טורקאָוו.

גרודבערג האָט אַחוץ ראָמאַנען איבערגעזעצט, באַאַרבעט און אָנגעשריבן אַ סך פּיעסן פון בעסערן רעפּערטואַר, וועלכע זענען אויפגעפירט געוואָרן אין די בעסערע טעאַטערס פון פּוילן.

גרודבערג געפינט זיך איצט אין פּוילן, ווו ער איז איינער פון די אָנפירער און מיטאַרבעטער פונעם ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין לאָדזש־וורָאָצלאַוו.

## דראַנאָוו נאַטאַן

געבוירן בערך 1884 אין פונדאַקלעווקע, קיִעווער גובערניע, בײַ פרומע עלטערן. געלערנט אין חדר, ישיבה און געזונגען בײַ ניסן בעלזער.

אין עלטער פון 18 יאָר אַנטלאָפן פון דער היים מיט קאַסטעלאַניס איטאַליענישער וואַנדער־אָפּערע־טרופּע, ווו ער איז צו ערשט געווען סופלאָר, דערנאָך סאָליסט אין כאָר, צוציִענדיק די אויפמערקזאַמקייט צו זײַן שיינער באַריטאָן־שטים.

נאָכן אַרומפאָרן אייניקע יאָר מיט דער טרופּע, האָט אים די דירעקציע אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג זיך צו שמדן. ער וואַרפט אָפּ דעם פאָרשלאַג, טרעט אַרויס פון דער טרופּע, און גייט אַריבער אין סאַבסײַס ייִדישער טרופּע, ווו ער טרעט אויף אין ליבהאָבער־ראָלן.

זינט דעמאָלט שפּילט ער אין די וויכטיקסטע ייִדישע טרופּעס פון רוסלאַנד און פּוילן. איבערגייענדיק פון ביליקן אָפּערעטישן און דראַמאַטישן צום ריינעם דראַמאַטישן און אָפּערעטן־רעפּערטואַר. אין פעריאָד ווען די ייִדישע בינע אין פּוילן הייבט אָן צו שפּילן דעם נײַעם אָריגינעלן און איבערגעזעצטן רעפּערטואַר, איז דראַנאָוו איינער פון די אַוואַנגאַרד־שוישפּילער און שאַפט אויסגעצייכנטע טיפּן פון זײַנע ראָלן.

דראַנאָוו איז געווען אין רוסלאַנד און אין פּוילן פאַררעכנט פאַר איינעם פון די טאַלאַנטירסטע און פאַרשטענדיקסטע ייִדישע שוישפּילערס און האָט פאַרמאָגט אַ באַזונדערע אייגנשאַפט צו צייכענען די טיפּן און כאַראַקטערן, וועלכע ער האָט פאַרגעשטעלט אויף דער בינע, איבערהויפּט מיט זײַן אימפּאָזאַנטער האַלטונג. אויסער דעם איז ער געווען באַשאָנקען מיט אַ רײַנער דיקציע און אַ פאַרכטיקער העלער באַריטאָן־שטים.

צוליב אַן אומהיילבאַרער קראַנקהייט ווערט ער טויב אויף אַן אויער און ער מוז אַרויסטרעטן נאָר אין שווין אײַנגעשטודירטן רעפּערטואַר, באַזונדערס אין זײַנע פּאָפּולער דערוואָרבענע עטיודן: „דער משוגענער אין שפּיטאָל", „די נאַכט פון זעלבסטמאָרד". די דאָזיקע איינאַקטערס זענען אין זייער צײַט געווען דער יסוד רעפּערטואַר פון די פאַרשידענע ליבהאָבער־קרײַזן.

בײַם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געפינט זיך דראַנאָוו אין מינסק, דערנאָך וואַנדערט ער איבער פאַרשידענע שטעט פון רוסלאַנד, ביז ער קומט אָן אין 1917 אין כאַרבין. אויפן וועג ווערט ער באַרויבט, צוליב וואָס ער באַקומט אַ נערוון־דערשיטערונג און נאָכן ליגן 3 יאָר אין שפּיטאָל פון נערוון־קראַנקע שטאַרבט ער אין כאַרבין דעם 20טן סעפּטעמבער 1920.

פאַרן ווארשעווער טעאַטער־גייער איז דראַנאָוו געווען איינער פון די באַליבסטע און פּאָפּולערסטע בינע־קינסטלער. זײַן שפּילן האָט דערצויגן גאַנצע 3 דורות טעאַטער־גייער, און זיי באַאײַנפלוסט אויף אַזוי פיל, אַז נישט נאָר אין געזעלשאַפט פלעגט מען נאָכזינגען און קאָמענטירן דראַנאָוון, נאָר ס'איז געווען אַן אָפטע דערשיינונג צו זען ווי יונגעלײַט גייענדיק אויף דער גאַס „שפּילן" זיי נאָך דראַנאָווס פראָזע.

דראַנאָוו איז געווען אַ געבענטשטער קינסטלער און געבענטשט געוואָרן פון זײַנע צוהערערס.

## פּרץ הירשביין־טרופּע

אין יאָר 1908 אין אָדעס איז אויף דער איניציאַטיוו פון די דיכטער ב. שאַפּיר און ח. נ. ביאַליק געגרינדעט געוואָרן די אַזוי פּאָפּולער געוועזענע „הירשביין־טרופּע".

די הירשביין־טרופּע איז געווען דער אַוואַנגאַרד פונעם בעסערן ייִדישן פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער. האָט געשאַפן די קאַדרען פון בעסערן ייִדישן אַקטיאָר און געלייגט דעם יסוד פאַר אַ בעסערן ייִדישן טעאַטער־פּובליקום.

די ראַדיקאַלע רוסישע פּרעסע האָט זייער וואַרעם אויפגענומען די פאָרשטעלונגען און באַצייכנט די טרופּע אַלס „ייִדישן קונסט־טעאַטער" און דאָס האָט גורם געווען, אַז די ווארשעווער „ליטעראַרישע געזעלשאַפט" מיט פּרצן בראש האָט פאַרבעטן די טרופּע אויף גאַסטראָלן אין ווארשע, ווו זי האָט אָנגעהויבן שפּילן דעם 26טן פעברואַר 1910 אין מוראַנאָווער טעאַטער. איבער 10 פאָרשטעלונגען זענען אדורך מיט אַ גרויסן מאַטעריעלן דערפאָלג. אין יולי 1910, נאָך די גאַסטשפּילן אין קאָוונע און אין דווינסק צעפאַלט זיך די טרופּע צוליב די זייער שלעכטע געשעפטן.

## דענציס בנימין

אין „ווארשעווער יודישע צײַטונג" נומער 43 פונעם 23טן נאָוועמבער 1867 געפינט זיך דער ווײַטערדיקער אַנאָנס: „אין מיין באַווארניע אויף די נאַלעווקעס, אין הערן נאַטאַנזאָנס הויז נומער 2244 געבן דיאָ באַריהמטע בראָדערזענגער פאָרשטעלונגען יעדען אַבענד און 7 אוהר, צו דיזער געזעלשאַפט געהערט אויך דער ערשטער קאָמיקער קאָפּקע דובינסקי אונד דער זעלטענער הומאָריסט בנימין דענציס אויס זיטאָמירזש, וועלכע זעהר אויבנגעצייכנטע זאַכען פאָרשטעלען".

## העלין דוויד

א ווארשעווער, האָט אין 1840 אַרײַנגעגעבן אין ווארשע א בקשה פאַר א דערלויבעניש אויף „15 דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען אין דער ייִדישער שפּראַך".

העלינס ביטע איז אָפּגעזאָגט געוואָרן צוליב דער מסירה פון קהילה־שטיבל.

אַזעלכע מסירות זענען אָפט פאָרגעקומען. דעם 8טן מערץ 1837 שרײַבט דער דאָזאָר א. פּאָפּראַצקי צום ווארשעווער פּאָליצ־מײַסטער:

„צום דאָזאָר איז דערגאַנגען א ידיעה, אַז עטלעכע ייִדן זענען זיך משתדל, מ'זאָל זיי דערלויבן דעם קומענדיקן פּורים פאָרצו־שטעלן א סצענישע שוישפּיל אין דער ייִדיש־דײַטשער שפּראַך. דער אָנגעזעענער רב און א סך מיטגלידערס פון דער היזיקער קהילה האָבן זיך געווענדט צום דאָזאָר בוזשניצי — קהילה־ראַט —, און דער לעצטער האָט די ערע צו בעטן דעם געשעצטן גענעראַל, ער זאָל זיך רעכנען דערמיט, וואָס אַזאַ פאָרשטעלונג נישט נאָר וואָס זי האָט נישט קיין שום מאָראַלישן אײַנפלוס אויף די געמיטער פון די צוהערערס, נאָר, פאַרקערט, זי איז אַן אומאַנשטענדיק אָפּשפּע־טעניש, וואָס שטופּט צו דעמאָראַליזאַציע, און דאָס איז, לויט די רעליגיעזע דינים, שטרענג פאַרבאָטן. — און זאָל באַוויליקן נישט צו דערלאָזן אַזעלכע פאָרשטעלונגען זאָלן פאָרקומען, ווי אויך אַזוי גוט זײַן, אויב עס וועט נויטיק זײַן, פאָרצושטעלן ווי מ'דאַרף, אַז אויך אַן אַנדער מאָל זאָל נישט אַרויסגעבן דערויף קיין דערלוי־בעניש".

דעם 17טן מערץ 1839 האָט דער דאָזאָר זיך ווידער געווענדט וועגן אַן ענלעכן ענין צום ווארשעווער שטאָטישן וויצעפּרעזידענט:

„היות דער קאַרנאַוואַל האָט זיך בײַ ייִדן שוין לאַנג געענדיקט, און דערצו נאָך איז א מינהג אין די ייִדישע קהילות, אַז נאָך דער פּטירה פון אַזאַ אויסגעצייכנטן רב ווי דער פאַרשטאָרבענער שלמה ליפּשיץ איז געווען, זאָל הערשן א געוויסער טרויער אין משך פון עטלעכע וואָכן, מחמת דעם איז דער דאָזאָר בוזשניטשי דרייסט צו בעטן, אַז דער הויכגעבוירענער ה' גענעראַל זאָל באַוויליקן נישט צו דערלאָזן אויף ווייטער די פאָרשטעלונג פון טעאַטער שטיק אין דער ייִדישער שפּראַך, איבער הויפּט, אַז נישט נאָר וואָס דאָס האָט נישט קיין מאָראַלישן ציל, ווי דער דאָזאָר האָט שוין געהאַט די ערע פריִער פאָרצושטעלן, נאָר פאַרקערט, עס ווערט א סיבה פון דעמאָ־ראַליזאַציע און פאַרדאָרבונג. וועגן גיכן רעזולטאַט האָט דער דאָ־זאָר די ערע צו בעטן".

דעם 10טן אַפּריל 1840 האָט דער דאָזאָר זיך ווידער געווענדט מיט א מסירה, און אָט איז דער ענטפער פון אויבערפּאָליצמײַסטער פון 12טן אַפּריל 1840:

„אַלס תשובה אויף דער פאָרלייגונג פון דאָזאָר בוזשניטשי פון 10טן פון דעם חודש לויט נומער 1555, גיט צו וויסן: היות די מיינונג פון דעם דאָזיקן דאָזאָר, וואָס ער האָט אויפגעשריבן אויף דער ביטע פון ייִד דוויד העלין, וועלכע יענער האָט דערלאַנגט דעם 18טן פעברואַר פון דעם יאָר, וועגן א דערלויבעניש צו געבן 15 דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען אין דער ייִדישער שפּראַך, איז געווען נישט גינסטיק, מחמת דער דאָזיקער דאָזאָר האָט אָנגעשריבן, אַז די שוישפּיל, וואָס ווערט געגעבן אין דער אומריינער שפּראַך, מאַכט נישט קיין מאָראַלישן אײַנדרוק אויפן געמיט פון די צוהערערס נאָר פאַרקערט ווערט אַן אומאַנשטענדיק געשפּאַט, וואָס פירט צו דעמאָראַליזאַציע און שיקאַנע, — דעריבער האָט דער הויכגעבוירע־נער ה' גענעראַל־אַדיוטאַנט שיפּאָוו, וואָס דערפילט די פליכטן פון מיליטערישן גובערנאַטאָר פון דער שטאָט ווארשע, פאַרשטענדיק דעם דאָזיקן אומשטאַנד זײַן דורכלויכט דעם פירשט פעלדמאַרשאַל, אין נאָמען פון זײַן פירשטלעכער מאַכט, באַפוילן צו וויסן צו געבן דעם ייִד דוויד העלין, דורך דער קאַנצעלאַריע פון דער ווארשעווער פּאָליציי, אַז אויב אַזעלכע פאָרשטעלונגען קענען ווירקלעך, אַרויס־רופן עפּעס אַן אומצופרידנקייט בײַם דאָזאָר בוזשניטשי, אָדער זע־נען קעגן דער ייִדישער רעליגיע, איז בעסער אָפּצוזאָגן העלינס בי־טע, ביז ער וועט נישט אויספּועלן א דערלויבעניש בײַ דעם דאָזיקן דאָזאָר".

## הילסבערג מרדכי

געבוירן אין יאָר 1897 אין ווארשע בײַ חסידישע עלטערן, גע־זונגען אַלס משורר אין שיל. און פון דאָרט אַרײַנגענומען געוואָרן אין קינדערכאָר פון ייִדישן טעאַטער, ווו ער שפּילט שפּעטער אויך קינדערראָלן.

אין 1915 אָנגעהויבן שפּילן ראָלן פון דערוואַקסענע אין גאָלד־פאַדען רעפּערטואַר. אין 1917 געשפּילט אין אסתר רחל קאַמינסקיס טרופּע. נאָך די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אַרײַנגעטראָטן אין 1920 אין קיעווער „אונדזער־ווינקל" און דערנאָך אין ר. זאַסלאַווסקיס „קונסטווינקל". זינט 1921 צוריק אין פּוילן, ווו ער האָט געשפּילט אין פאַרשידענע טרופּעס. אין 1930 ווידער אין ריגער „נײַער ייִדי־שער טעאַטער".

## האָרן רוזשע

געבוירן בערך אין יאָר 1873 אין ווארשע. געזונגען אין כאָר בײַ ווייספעלדן און נאָך דעם געוואָרן א פּרימאַדאָנע, שפּילנדיק גאָלדפאַדענס רעפּערטואַר. זי האָט געהאַט א שיינעם לירישן סאָפּ־ראַן און אַרויסגעוויזן אַרטיסטישע פעיִקייטן. בערך אין יאָר 1899 איז זי געשטאָרבן אין ווארשע פון שווינדזוכט.

## ווײַספעלד משה

געבוירן אין ווארשע. באַזיצער פון א האַנדלסשול אין ווארשע — עק דזשיקע און וואָלינסקע — אין וועלכע ס'זענען אין 1883 פאָרגעקומען אין די אָוונטן ייִדישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען. אין 1893 איז ווײַספעלד געווען צוזאַמען מיט זײַן שוואָגער דוויד שוואַרץ־באַרד דער דירעקטאָר פון דער ייִדישער טרופּע אין „עלדאָראַדאָ". אין דער דאָזיקער טרופּע האָט אויך דעבוטירט אסתר רחל קאַ־מינסקי. אין 1905 עפנט ווײַספעלד דאָס מוראַנאָווער־טעאַטער פאַר א ייִדישער טרופּע, און גייט איבער צוזאַמען מיט סעם אַדלער צו שפּילן מיט דער טרופּע אין טעאַטער „נאָווי" אויף קראָלעווסקע.

## וואַסערמאַן יעקב (יאַקוב)

געבוירן אַרום 1880 אין פּלאָצק, פיל געוואַנדערט איבער מערב־אייראָפּע, אַמעריקע, אינדיע און אַנדערע לענדער. א צײַט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געוווינט אין ווארשע, ווו ער איז געווען לערער פון ענגליש. חוץ אַרטיקלען אין פאַרשידענע לינקע צײַטשריפטן, האָט וואַסערמאַן אַרויסגעגעבן א בוך „דאָס טעאַטער און דער סאָציאַליזם". ער איז אויך געווען רעדאַקטאָר און אַרויס־געבער פון זשורנאַל „אַרבעטער קולטור און קונסט" פון וועלכן עס איז דערשינען נאָר איין נומער.

דער גרעסטער פארדינסט וואסערמאנס איז געווען, זיינע סיסטעמאטישע לעקציעס וועגן טעאטער און ליטעראטור אין די לאקאלן פון די ווארשעווער פראפעסיאנעלע פאראיינען. נישט נאר האט וואסערמאן דערצויגן א דור טעאטער גייער, נאר אויך אויסגעבילדעט א צאל יוגנטלעכע ארבעטער פאר די דראמקרייזן ביי די פראפ' פאראיינען.

## ווילנער-טרופע

אונטערן נאמען „פאראיין פון יידישע דראמאטישע ארטיסטן אין ווילנע אונטער דער לייטונג פון מ. קאוואלסקי" — פאדא — האט זיך אין ווילנע געגרינדעט די שפעטער אזוי בארימטע „ווילנער טרופע" צונויפגעשטעלט פון ליבהאבער און קעמפער פאר א בעסער יידיש טעאטער אין ווילנע, מיטן אנטייל פון איין פראפעסיאנעלן אקטיאר מתתיהו קאוואלסקי, וועלכער האט דעמאלט — אין אנהייב פון דער דייטשער אקופאציע אין ווילנע 1915—1916 — געפונען אין יענער שטאט.

די ערשטע פארשטעלונג האט די טרופע געגעבן פרייטיק דעם 18טן פעברואר 1916 אין בנין פון צירק-טעאטער אויף לוקישקי. אויפגעפירט געווארן איז שלום אשס קאמעדיע „דער לאנדסמאן". די פרעסע, סיי די יידישע, סיי די דייטשע, האט זיך ווארעם אפגערופן וועגן דער פארשטעלונג און האט באלד געגעבן זייער שטיצע פארן דאזיקן טעאטער. זינט דעמאלט האט די טרופע אויפגעפירט די בעסערע פיעסן, ווי הירשביינס „א פארווארפן ווינקל", נאמבערגס „משפחה", אשס „גאט פון נקמה", פינסקיס „יאנקל דער שמיד", ארנשטיינס „דאס ווילנער בעל-הביתל" א"א. אבער מיט דער גאנצער מאראלישער שטיצע האט דאס טעאטער, געקענט שפילן בלויז צוויי מאל אין וואך, פרייטיק און שבת, אדער שבת און זונטיק, און הגם די טרופע פלעגט באקומען דעם צירק-בנין אומזיסט — כדי אויסצומיידן א רעקוויזיציע פון בנין מצד דעם מיליטער — זענען פארט די הוצאות געווען גרעסער ווי די הכנסות אזוי אז סוף ווינטער האט מען שוין געשפילט בלויז שבת אין אוונט. פארענדיקט דעם ערשטן סעזאן האט די טרופע מיט לעאן קאברינס „דער דארפסיונג" און געהאט א גרויסן דערפאלג.

איצט האט די דייטשע מאכט גענומען ערנסט זיך רעכנען מיט דער טרופע און איר איבערגעגעבן דעם שטאט-טעאטער, ווו מען האט אנגעהויבן שפילן דעם 10טן נאוועמבער 1916. די טרופע איז דערווייל פאפולער געווארן און עס האבן אנגעהויבן אנקומען פארבעטונגען פאר גאסטראלן אויף דער פראווינץ. אין מיי 1917 איז די טרופע ארומגעפארן און האט געגעבן פארשטעלונגען אין קאוונע, סוואלק, גראדנע און ביאליסטאק, אומעטום מיט דערפאלג.

א גאנצע ריי דייטשע און יידיש-דייטשע שריפטשטעלער און קינסטלער האבן אין דער אלגעמיינער דייטשע פרעסע פארעפנטלעכט ארטיקלען מיט פאטאגראפיעס פון די אקטיארן פארגלייכנדיק זיי צו די ערנסטע אייראפעישע טעאטערס. די ווירקונג איז געווען אזוי ווייט, אז די דייטשע מיליטערישע מאכט אין ווילנע האט אלע אנטיילנעמער פון דער טרופע באפרייט פון די אבליגאטארישע צוואנגארבעטן.

א דאנק דער ווארעמער רעקאמענדאציע פון אסתר רחל קאמינסקי, איז די טרופע איינגעלאדן געווארן קיין ווארשע, אין טעאטער „עליזעום". אויפן פארליג פון הערש דוויד נאמבערג האט זיך די טרופע אנגעהויבן רופן „ווילנער טרופע".

אין ווארשע איז די טרופע אויפגענומען געווארן מיט באגייסטערונג. באלד נאך דעם פארן זיי קיין לאדזש און לובלין.

בעתן אויסבראך פון דער רעוואלוציע אין דייטשלאנד, צוליב חלוקי-דעות און צוליב דער מורא צו ווערן אפגעריסן פון ווילנע, טיילן זיך אפ א גרופע אקטיארן פון דער טרופע און פארן קיין ווילנע, ווו עזרא און שולמית גרינדן דאס „ווילנער יידישע מלוכה-טעאטער". די „ווילנער טרופע" אין ווארשע לאדט איין ד. הערמאנען אלס רעזשיסער. ס'ווערן געמאכט א ריי קינסטלערישע אויפפירונגען מיטן אנטייל פון פריש צוגעקומענע אקטיארן. אין 1920 בעת דעם פויליש-סאוועטישן קריג צעפאלט זיך די „ווילנער טרופע". נארוויד, שידלא און גערטנער גייען מיט מיטן אפטרעטנדיקן סאוועטישן מיליטער און בלייבן אין מאסקווע, עזרא און שולמית, פארן קיין קאוונע, ווו זיי שפילן א קורצע צייט און פארן פון דארט קיין בערלין.

צו דער ווארשעווער „ווילנע טרופע" זענען צוגעקומען א ריי אקטיארן וועלכע זענען געבליבן אין די שטעט וואס די רויטע ארמיי האט פארלאזט. דעם 9טן דעצעמבער 1920 אין טאג פון די שלושים נאך ש. אנסקין, ווערט אויפגעפירט זיין פיעסע „דער דיבוק", וועלכע האט געהאט א ריזיקן דערפאלג.

נאכן אויפפירן לייוויקס „שמאטעס", גוצקאווס „אוריאל אקאסטא", שלום עליכמס „שווער צו זיין א ייד", לאזט זיך די טרופע ווידער ארויס אויף א טורנעע קיין לאדזש, גאליציע און ווין ווו זיי שפילן 6 חדשים אין ראלאנד טעאטער. פון ווין פארן זיי ווידער קיין גאליציע און נאך דעם קיין רומעניע. די „ווילנער טרופע" ווידער וואס האט געשפילט אין בערלין, מאכט אויך א טורנעע איבער דייטשלאנד, האלאנד, בעלגיע, פראנקרייך און ענגלאנד. אין מיי 1923 פארט די טרופע קיין נארד-אמעריקע, ווו זי הייבט זיך אן צו ביסלעכווייז פונאנדערפאלן, אזוי אז אויסער עטלעכע „ווילנער" בלייבט נישט מער ווי דער נאמען.

די „ווילנער" וואס זענען געבליבן אין אייראפע, פארן אין זומער 1923 קיין רומעניע, ווו זיי שפילן פון 1טן יולי ביזן 9טן סעפטעמבער 1923. נאכן וואנדערן אין רומעניע פון איין שטאט אין דער אנדערער ווערט צום סעזאן 25—1926, געגרינדעט א געזעלשאפט אויפצוהאלטן די „ווילנער טרופע", וועלכע האט געמוזט צוליב לעגאלע טעמים ענדערן איר נאמען אויף „דראמע און קאמעדיע".

צוליב די גרויסע קאסטן פון די אלע נייע אויפפירונגען און דעם שוואכן באזוך, דערגייט די געזעלשאפט צו באנקראט. די טרופע ווערט ווידער זעלבשטענדיק און נעמט אן דעם אלטן נאמען „ווילנער טרופע" און הייבט ווידער אן צו וואנדערן פון איין שטאט אין דער צווייטער, ביז אין טשערנאוויץ ווערט אין אפריל 1926 אויפגעפירט די פיעסע „דער דעטעקטיוו" פון ראמולוס וואינעסקו — איבערגעזעצט דורך ד"ר שלמה ביקל — די פיעסע רופט ארויס א סקאנדאל, מחמת דעם וואס איר מחבר איז דער פארשטייער פון דער געהיים-פאליציי. צוליב דעם סקאנדאל, קומט עס צו א שפאלטונג אין דער טרופע, און די איבערגעבליבענע קערן זיך אום צוריק קיין פוילן.

דעם 22טן מארץ 1928 קומט די טרופע קיין ווארשע און שפילט אין „עליזעום" טעאטער. צוליב די הויכע שטייערן און אנדערע מניעות, פארלאזט די „ווילנער טרופע" ענדגילטיק ווארשע דעם 9טן מיי 1929 און מאכט א טורנעע איבער דער פראווינץ.

אין משך פון די 14 יאָר פון איר עקסיסטענץ האָבן אין דער „ווילנער טרופּע” געשפּילט די ווײַטערדיקע אַקטיאָרן: ל. קאַדיסאָן, י. שערמאַן, עזרא, סאָניאַ עלמית, פרידאַ בלומענטאַל, ריווקין־ריווקינאַ, פּ. קאַלען, שלום טאַנין, נח נאַכבוש, ש. שניאור, א. לערער, יהודית לאַרעס, פּאָליאַ וואַלטער, מתתיהו קאָוואַלסקי, אליהו שטיין, בן ציון קיט, שמואל שעפּטעל, לאה נעמי, דוויד הערמאַן, נאַרוויד, שידלאָ, בעלאַ בעלאַרינאַ, מרים ווײַדע, מרים שיך, מרים אָרלעסקאָ, אייכען, יעקב גערטנער, מיכל ווייכערט, לעאָניד סנייגאָוו, אסתר אָוושעסקאַיאַ, הערץ גראָסבאַרד, קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, אברהם טײַטלבוים, שלמה קאָן, יוסף בולאָוו, ראָזאַ בירנבוים, לייזער זשעלאַזאָ, אברהם מאָרעווסקי, חוה בראָז, יוסף קאַמיען, יעקב ווייסליץ, א. סלאָבאַדינסקי, יצחק קאָוונער, משה פעדער, דוויד האַמבורגער, וואָלף זילבערבערג, בעטי דאָלסקאַ, בלייפער, יוסף גרינבערג, וויטאַלינאַ, לוכאַצקי, וועגדאָרף, חנה קאַדיסמאַן, מ. מאַזאָ, ש. גאָרין, י. לאַכעס, שימחה נאַטאַן, נעמי נאַטאַן, ש. אירים, בראַקאַזש, רחל האָלצער, האַבער, ווײַנשטאָק, נאַדיאַ קאַרעני, דוויד בירנבוים, אסתר גאָלדענבערג, זלמן הירשפעלד, רות טאַרן, דוויד ליכט, יעקב קורלענדער, ב. קרעמער, אסתר ראַפּעל, פּערל רות.

## ד״ר ווייכערט מיכל

געבוירן דעם 5טן מײַ 1890 אין סטאַרע־מיאַסטאָ, גאַליציע. זײַן פאָטער איז געווען אַ תבואה סוחר. געלערנט אין אַ פּוילישער פאָלקסשול און נאָכמיטאָג אין אַ חדר־מתוקן, דערנאָך אין דער פּוילישער גימנאַזיע. שטודירט אין לעמבערגער אוניווערסיטעט און פילנדיק דערבײַ אַ נייגונג צו טעאַטער. אַוועק אין 1910 קיין ווין, ווו ער באַזוכט אַ דראַמאַטישע שול, ענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט, הערט לעקציעס אין פילאָזאָפישן פאַקולטעט וועגן שפּראַך־וויסנשאַפט, ליטעראַטור, טעאַטער־קונסט, מאַכט אין 1916 דעם דאָקטאָראַט, קומט אָן דערנאָך אין בערלין אַלס האָספּיטאַנט צו מאַקס ריינהאַרד און פאַרענדיקט צו גלײַך אין אוניווערסיטעט די ליטעראַטור־טעאַטער־ און קונסט־היסטאָרישע שטודיעס. פאַרבלײַבנדיק אין וואַרשע האָט ווייכערט איבערגענומען די רעזשי־לייטונג בײַ דער „ווילנער־טרופּע” ווו ער האָט געמאַכט עטלעכע אויפפירונגען. פאַרנעמט זיך איבערהויפּט מיטן שרײַבן אָפּהאַנדלונגען און האַלט לעקציעס וועגן טעאַטער.

אין מײַ 1928 האָט ער רעזשיסירט אין דער „ווילנער־טרופּע” זײַן דראַמאַטיזאַציע פון שלום אַשס „קדוש השם” וואָס איז געשפּילט געוואָרן 250 מאָל כמעט אָן הפסקה. ווייכערט האָט אָנגעפירט אין וואַרשע מיט אַ ייִדישער דראַמאַטישער שול.

בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע איז ווייכערטס ראָלע אין די געטאָס געווען אַזאַ, אַז נאָך דער באַפרײַונג איז ער פאַרמשפּט געוואָרן דורך אַ ייִדישן געזעלשאַפטלעכן געריכט אויף געזעלשאַפטלעכע איזאָלאַציע. הײַנט לעבט ער אין פּוילן אַ פאַרגעסענער.

## זיידערמאַן

געווען אַ משורר אין דער וואַרשעווער סינאַגאָגע אויף דאַניי־לאָוואַטשעווסקע. אין 1876 האָט ער זיך באַטייליקט אין וואַרשע אין דער אויפפירונג פון „מכירת יוסף” און „גדולת יוסף” וואָס זענען געשפּילט געוואָרן אין 2 נעכט. דערנאָך געוואָרן אַן אָפּערן־זינגער און שפּעטער אַ מוזיק־פּראָפעסאָר אין בערלין, ווו ער איז אין 1922 געשטאָרבן.

זיידערמאַן איז לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, געווען אַ מיטגליד אין בעללוים טרופּע אין וואַרשע.

## זילבער לאָניאַ.

געבוירן דעם 28טן אויגוסט 1895 אין וואַרשע. דער פאָטער איז געווען אַ קליינער באַזיצער פון אַ שיכפאַבריק. געלערנט אין אַ פאָלקסשול און ייִדיש בײַ אַ לערער. דורך דער איניציאַטיוו פון רעגינאַ קאַמינסקאַ אַרײַנגענומען געוואָרן אין כאָר פון קאָמפּאַניעצן, ווו זי האָט אויך געשפּילט קינדעררָאָלן, דערנאָך איבערגעגאַנגען צו סוברעטן־ראָלן. פון קאָמפּאַניעצן אַריבער אין קאַמינסקיס טעאַטער. אין 1911 אויסגעוואַנדערט קיין נאָרד־אַמעריקע, ווו זי האָט אַ געוויסע צײַט געשפּילט אין די וואַנדער־טרופּעס איבער דער אַמעריקאַנער פּראָווינץ און שפּעטער זיך צוריקגעצויגן פון דער בינע.

## זילבערקאַסטן משה

געבוירן דעם 5טן נאָוועמבער 1891 אין וואַרשע, בײַ עלטערן חסידים, קליינהענדלער, וווינענדיק אין שכנות מיטן פּוילישן פאָלקס־טעאַטער, האָט ער אין דער פריסטער יוגנט געהאַט די געלעגנהייט דאָרט צו ווערן אַ סטאַטיסט, און פלעגט אין דער היים נאָכקאָפּירן די אַקטיאָרן.

אין 1907 אָרגאַניזירט ער אַ ליבהאָבער־טרופּע מיט וועלכע ער פירט אויף „אוריאל אַקאָסטאַ” און אין 1909 טרעט ער אַרײַן אין יוליוס אַדלערס טרופּע. אין 1911 שפּילט ער אין דער אָפּערעטן־טרופּע פון סאַנדלער, ליבער און קאָמפּאַניעץ אין וואַרשע. בעתן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאָרט ער דורך כאַרבין, יאַפּאַן קיין נ׳ אַמעריקע, ווו ער שפּילט, אויסער אין אַנדערע טרופּעס, אויך אין „ייִדישן קונסט־טעאַטער”.

## זילבערשטיין שמעון

געבוירן דעם 15טן מערץ 1886 אין וואַרשע. דער פאָטער איז געווען אַ קאָמיסיאָנער פון שפּײַז־אַרטיקלען. געלערנט אין חדר, אין פּראָגימנאַזיע, געזונגען בײַ די חזנים לעוואַנדאָווסקי, גריצהענדלער און לעווענזאָן און דערנאָך געשפּילט קינדעררָאָלן בײַ פּישזאָנען.

באַקומענדיק אַ טענאָר־שטימע איז ער אַרײַנגעטראָטן אין כאָר בײַ קרויזן ווו ער האָט אויך אָנגעהויבן צו שפּילן עפּיזאָדן־ראָלן, דעבוטירנדיק אין „זשאַרדען ד׳היוועד”. נאָכן שפּילן 4 יאָר אין וואַרשע בײַ קאַמינסקי, פאָרט ער קיין לאָדזש און שפּילט בײַ זאַנדבערגן און באַלד דערנאָך קומט ער צוריק קיין וואַרשע צו קאָמפּאַניעצעס טרופּע. אין יאָר 1911 איז ער אָפּגעפאָרן קיין נ׳ אַמעריקע און נאָך עטלעכע פּרוּוון בײַם טעאַטער, זיך צוריקגעצויגן פון דער בינע.

## טורקאָוו רחל

געבוירן דעם 10טן יאַנואַר 1908 אין וואַרשע, אַ שוועסטער פון זיגמונט, יאָנאַס, יצחק און מאַרק טורקאָוו. דורכגעגאַנגען פּריוואַט דעם קורס פון 7־קלאַסן גימנאַזיע. געענדיקט אין 1927 די פּוילישע דראַמאַטישע שול פון הריניעוויעצקאַ און נאָך אַן עקזאַמען אָנגענומען געוואָרן אַלס מיטגליד אין ייִדישן אַרטיסטן פאַראיין. האָט געשפּילט אין זיגמונט טורקאָווס טרופּע און זיך באַטייליקט אין עפּיזאָדן־ראָלן אין די ייִדישע פילמען „תקיעת כף” און אין „די פּוילישע וועלדער”.

בעת די נאַצי הערשאַפט, איז זי פון וואַרשעווער געטאָ אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די גאַזאָויוונס אין טרעבלינקע.

## טורקאָוו זיגמונט

געבוירן דעם 6טן נאָוועמבער 1896 אין וואַרשע, בײַ פאַרמעגלעכע בעל־הביתישע עלטערן. געלערנט אין חדר, דערנאָך אין דער רוסישער שול און שפּעטער געענדיקט 6 קלאַסן אין קרינסקיס האַנדלס־שול. נאָך אַלס שילער זיך אויסגעצייכנט אין מאָלערײַ און אין שניצערײַ, אָבער דער עיקר אינטערעס אַרויסגעוויזן צו טעאַטער. שוין אַלס קינד פון 10—12 יאָר האָט ער זיך באַטייליקט אין די הויפּטראָלן פון העברעיִשע, פּוילישע און רוסישע שול־פאָרשטעלונגען און באַלד געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון טעאַטער־מבינים. באַזוכנדיק אָפט דאָס פּוילישע טעאַטער, פלעגט ער דערנאָך, צוזאַמען מיט זײַן ברודער יאָנאַס, אײַנאָרדנען אין קעלער־שטיבער, אויף בוידעמס, אין דער קיך פון זייער וווינונג, אין דער עיקר יעדן שבת בײַ זײַן פעטער „קינדער־פאָרשטעלונגען" אויף וועלכע זיי האָבן נאָכגעשפּילט אין פּויליש סצענעס פון „שײַלאָק", „מאַקבעט" און „אָטעלאָ".

טורקאָוו שטודירט פּריוואַט טעאַטער־ליטעראַטור, שליסט דאַן חברותא מיט פּוילישע אַקטיאָרן און מאָלט פאַר זיי פאַרשידענע פּראָיעקטן צו דעקאָראַציעס און קאָסטיומען. מיט שווערער מי — צוליב זיין יִדישקייט — געלינגט אים אַרײַנצוטרעטן אין דער רוסיש־פּוילישער דראַמאַטישער מלוכה־שול בײַ די וואַרשעווער רעגירונגס־טעאַטערס. נאָך אַ קורצער צײַט גייט ער איבער אין דער פּריוואַטער דראַמאַטישער שול בײַ דער פּוילישער מוזיק־געזעלשאַפט. נאָכן ענדיקן די דראַמאַטישע שול — אין 1915 האָט טורקאָוו אַ קורצע צײַט געשפּילט אין פּויליש אין אַרנאָלד שיפמאַנס „טעאַטער פּאָלסקי" און אין אַנדערע פּוילישע טעאַטערס. גלײַכצײַטיק אָבער אויך זיך אינטערעסירט מיט יִדיש, געלייענט, געשריבן און איבערגעזעצט פּיעסעס אויף יִדיש — דערונטער שעקספּירס „מאַקבעט" — אויסגעאַרבעט אייניקע רעזשי־קאָנצעפּציעס, זיך באַטייליקט אין ליבהאָבער־פאָרשטעלונגען, אין יִדישע ליטעראַרישע אָוונטן, אין צמחס העברעיִשער ליבהאָבער־גרופּע „הבימה", און געווען איינער פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן פון „דאָס אַרטיסטישע ווינקעלע" בײַם „הזמיר", מיט וועלכן ער פאָרט אויך אַרומשפּילן — 1916 — איבער אייניקע שטעט פון פּוילן.

טורקאָוו ווערט דאַן אַנגאַזשירט פון אַבֿרהם יצחק קאַמינסקי, טרעט אויף אין „קאַמינסקי־טעאַטער" אַלס „פראַנץ מאָר" אין שילערס „רויבער" און פאַרבלײַבט שוין זינט דעמאָלט אין דער טרופּע. אין 1917—1918 מאַכט ער מיט, מיט אסתּר רחל קאַמינסקי, דעם ערשטן גרויסן טורנעע איבער פּוילן — אונטער דער דײַטש־עסטרײַכישער אָקופּאַציע —. אין 1918 האָט ער חתונה מיט אידאַ קאַמינסקאַ און באַטייליקט זיך אין אַ טורנעע מיט אסתּר רחל און אידאַ קאַמינסקאַ איבער וואָלין, אוקראַיִנע, רוסלאַנד און ווײַסרוסלאַנד, וווּ ער פירט אויף „צוויי הונדערט טויזנט", מ. יושקעוויטשעס קאָמעדיע, איבערגעזעצט פון אים און אידאַ קאַמינסקאַ. אין 1919 שפּילט ער אַ קורצער צײַט רוסיש אין כאַרקאָוו און קערט זיך ווידער צוריק צו דער יִדישער בינע. אין 1920 צוריקגעקומען אין וואַרשע, געשפּילט אין דער פּראָווינץ און אין 1921 איבערגענומען די ליטונג פון טעאַטער „צענטראַל" וווּ ער האָט אויפגעפירט מאָליערס „דער קאַרגער" און „די ליבע אַלס דאָקטער", אַשם „מאָטקע גנבֿ", אַנדרעיעווס „זיבן געהאָנגענע", גאָגאָלס „דער רעוויזאָר", עטינגערס „סערקעלע", מ. מ. ספּרימס „דער פּריזיוו", זשולאַווסקיס „שבתי צבֿי" און דערנאָך אַן אייגענע באַאַרבעטונג פון גאָלדפאַדענס „די צוויי קוני לעמלס". דעם 19טן אָקטאָבער 1926 האָט ער געגרינדעט אין וואַרשע די טרופּע „וויקט" — וואַרשעווער יִדישער קונסט טעאַטער — מיט וועלכער ער פירט אויף אין קאַמינסקיס טעאַטער „דאָס צענטע געבאָט" פון גאָלדפאַדען, ראָמען ראָלאַנדס „וועלף" און פיל אַנדערע טעאַטער־פּערל פון דער יִדישער און פון דער וועלט־ליטעראַטור.

צוליב דער שלעכטער מאַטעריעלער לאַגע פאַרלאָזט טורקאָוו וואַרשע און וואַנדערט אַרום מיט דער טרופּע ביז 1929, איבער פּוילן און רומעניע און גייט אַריבער צום דײַטשן פילם אין בערלין — רעזשי־אַסיסטענט אין „אופאַ" — באַלד דערנאָך קומט ער צוריק צו דער יִדישער בינע, גאַסטראָלירט אין דער פּוילישער און גאַליציאַנער פּראָווינץ, דערנאָך אין ריגע און אין 1931 אין וואַרשעווער קאַמינסקי טעאַטער. דערנאָך פאָרט ער גאַסטראָלירן אין בעלגיע און פראַנקרײַך. אָנהייב 1932 קומט ער צוריק קיין וואַרשע, וווּ דעם 19טן יאַנואַר 1932 ווערט געפײַערט אין קאַמינסקיס־טעאַטער טורקאָווס 15 יאָריקער טעטיקייט אויף דער יִדישער בינע.

נאָכן טויט פון אסתּר רחל קאַמינסקי האָט טורקאָוו צוזאַמען מיט זײַן פרוי געגרינדעט דעם „טעאַטער־מוזיי אויפן נאָמען פון אסתּר רחל קאַמינסקי" בײַם יִדיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, פאַר וועלכן ער האָט געשאָנקען דעם אַרכיוו פון דער פאַרשטאָרבענער.

צו יענער צײַט קומט טורקאָוו קיין בוענאָס־אײַרעס, פירט אויף אין טעאַטער „אַמבו" עטלעכע אייראָפּעיִשע פּיעסעס, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן אײַנדרוק אויפן יִדישן טעאַטער־עולם, פאָרט קיין בראַזיל אויף אַ שטיק צײַט, וווּ ער העלפט צו מיט זײַן מיזאַמער אַרבעט צו דערהויבן דעם קולטור ניוואָ פונעם בעסערן טעאַטער־גייער. הײַנט געפינט זיך טורקאָוו אין ישׂראל, וווּ ער האָט געשאַפן אַ קאַמער־טעאַטער פון צוויי פּערסאָנאַזשן, ער שפּילט דאָרט יִדיש און העברעיִש.

ער איז דער מחבר פון צוויי ביכער: „שמועסן וועגן טעאַטער" און „פראַגמענטן פון מײַן לעבן" (אַן אויטאָביאָגראַפיע.)

## טורקאָוו יאָנאַס

געבוירן דעם 15טן פעברואַר 1898 אין וואַרשע. די ערשטע בילדונג באַקומען אין דער היים. דערנאָך געלערנט אין וואַרשעווער רעאַל־גימנאַזיע, אין קרינסקיס האַנדלסשול און בינע־קונסט אויף די דראַמאַטישע קורסן פון פּראָפ' ראָזנבוים אין אונגאַריש בראָד — מערן—. אין 1915 צוריקגעקומען אין וואַרשע און געאַרבעט אין אַ פירמע פון כעמישע אויסאַרבעטונגען און דערנאָך אין אַ באַנק. זינט 1915 זיך באַטייליקט אין ליבהאָבער־פאָרשטעלונגען און אין 1916 צוזאַמען מיט זײַן ברודער זיגמונט און ניצבערג אָרגאַניזירט און געשפּילט אין „דעם אַרטיסטישן ווינקעלע". דערנאָך אַ קורצע צײַט בײַ דוויד הערמאַן אין טעאַטער „עליזעום", זיך באַטייליקט אין וואַרשעווער דײַטשן טעאַטער אונטערן נאָמען ערווין טורקוי, אין דײַטשן קאָמעדיע טעאַטער פון די ברידער הערנפעלד. אין די יאָרן 1917—1920 געשפּילט אין אסתּר רחל קאַמינסקיס טרופּע, וווּ ער נעמט איבער אין 1918 די אַדמיניסטראַטיווע ליטונג. אין 1921 פאַרבליבן אין ווילנע און זיך באַטייליקט אין דאָרטיקן דראַמאַטישן טעאַטער און אין 1921 אָרגאַניזירט אין וואַרשע „דאָס באַוועגלעכע דראַמאַטישע טעאַטער", מיט וועלכן ער מאַכט אַ טורנעע איבער פּוילן און גאַליציע און קומט ווידער אין ווילנע. שפּעטער גרינדעט ער אַ וואַנדער־טרופּע „די יונגבינע", אין וועלכער ער איז רעזשיסאָר און ערשטער שוישפּילער. אין 1926 אַנגאַזשירט געוואָרן אַלס דירעקטאָר פון קראָקעווער געזעלשאַפטלעכן יִדישן טעאַטער, וווּ ער שטעלט במשך 1927 אַ ליטעראַרישן רעפּערטואַר און באַקומט צוליב דעם די ערשטע שטאַטישע סובסידיע פאַר יִדיש

טעאַטער אין פּוילן. אין 1928—1929 אָנגעפירט מיט אַ קליינע טרופּע איבער פּוילן און גאַליציע און אין 1929 געגרינדעט און אָנגעפירט מיטן „ווניט" — וואַרשעווער נײַער ייִדישער טעאַטער —. שוין אין 1923 באַטייליקט זיך אין הויפּטראָלן פון די ייִדישע פילמען „תקיעת־כּף" און „לאַמעד וואָווניק". אין 1928 רעזשיסירט און מיטגעשפּילט אין פילמבילדער „אין פּוילישע וועלדער" לויט אַפּאַטאָשוס ראָמאַן. אין 1930 אויפגעפירט אין לובלינער שטאָטישן טעאַטער מאַרק אַרנשטיינס פּוילישע איבערזעצונג פון יעקב גאָרדינס „מירעלע אפרת". אין 1932 געשפּילט אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין — קאַמער־בינע —, דערנאָך אין ווילנער „אונדזער טעאַטער", אין 1933 איבערגענומען דאָס ווילנער ייִדישע טעאַטער, צו דער זעלבער צײַט אָנגעפירט מיט דער ווילנער ייִדישער דראַמאַטישער שול בײַ דער ווילנער ייִדישער טעאַטער־געזעלשאַפט.

יאָנאַס טורקאָוו האָט אָנגעשריבן אייניקע קאָמעדיעס און איינאַקטערס און איבערגעזעצט פיל פּיעסעס. ער האָט פאַרעפנטלעכט פיל אַרטיקלען וועגן טעאַטער און פילם בכלל און וועגן ייִדישן בפרט, ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ בראָשור „וועגווײַזער פאַר דראַמאַטישע קרײַזן".

די גאַנצע צײַט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אין וואַרשעווער געטאָ. געווען איינער פון די אָרגאַניזירערס און פירערס פון דער זעלבסט־הילף אָרגאַניזאַציע, מיטגעאַרבעט מיטן אונטערערד ,איבערגעלעבט מיט זײַן פאַמיליע דעם גאַנצן נאַצי־שוידער, וועלכן ער האָט געשילדערט אין זײַנע צוויי ביכער „אַזוי איז עס געווען . . ." און „אין קאַמף פאַרן לעבן" — האָט אויך אָנגעשריבן „פאַרלאָשענע שטערנס", צוויי בענד וועגן די אומגעקומענע ייִדישע אַקטיאָרן אונטער דער נאַצי־הערשאַפט — אַרויסגעגעבן פונעם פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום", בוענאָס־איירעס — געפינט זיך הײַנט אין נ' אַמעריקע און שפּילט ווײַטער טעאַטער.

## טייטעלבוים אַברהם

געבוירן דעם 1טן מאַרץ 1889 אין וואַרשע, בײַ חסידישע, נישט פאַרמעגלעכע עלטערן, וועלכע האָבן געהאַט אַ רעסטאָראַן, וווּ ייִדישע אַקטיאָרן פלעגן פון צײַט צו צײַט מאַכן פּראָבעס. ביז 16 יאָר געלערנט אין חדרים און ישיבות, נאָך דעם פּריוואַט וועלטלעכע לימודים.

באַזוכנדיק אַ מאָל אַ פּויליש טעאַטער, ווערט ער אַזוי פאַרכאַפּט פון דער פאָרשטעלונג, אַז ער ווערט באַלד אַ באַגײַסטערטער אָנהענגער פון טעאַטער און אַקטיאָרן. ווען י. ל. פּרץ און ד"ר גרשון לעווין אָרגאַניזירן דעם „הזמיר" אין וואַרשע, טרעט טייטעלבוים אַרײַן אין כאָר, און דערנאָך אין דער דראַמאַטישער סעקציע בײַם „הזמיר" אונטער דער רעזשי פון מאַרק אַרנשטיין און י. ל. פּרץ. אין 1907 טרעט ער אַרײַן אַלס סופלאָר אין סעם אַדלערס טרופּע, אין 1908 הייבט ער אָן שפּילן אין דער טרופּע קרויזע־ספּיוואַקאָווסקי, אין 1909 אין בראָנשטיינס טרופּע, דערנאָך בײַ סאַבסײַ, קאַמינסקיס „פאַראייניקטע טרופּע" און בײַ גענפּערן. שפּעטער פאָרט ער קיין פּאַריז, לאָנדאָן, בוענאָס־אײַרעס, וווּ ער שפּילט אין פאַרשידענע טרופּעס. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה שפּילט ער מיט מאַשקאָוויטשן אין לאָנדאָן. אין 1918 פאָרט ער קיין מאָסקווע, וווּ ער ווערט דער פירער פון אַ דראַמאַטישע סטודיע בײַ דער פּרץ־געזעלשאַפט, און שפּעטער דער רעזשיסאָר פון דער ייִדישער דראַמ־געזעלשאַפט אין מינסק. פון דאַנען ווערט ער פאַרבעטן אין ערשטן ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין ווילנע. ווען די פּאָליאַקן פאַרנעמען ווילנע, טרעט ער אַרײַן אין דער „ווילנער טרופּע" און שפּילט מיט איר אין פּוילן, אין 1919 ווערט ער פאַרבעטן פון שוואַרצן קיין נ' אַמעריקע. אין ניו־יאָרק, טשיקאַגאָ און פילאַדעלפיע שפּילט ער ביז סוף 1927.

ער איז איינער פון די לערער פון דער „פרײַער דראַמאַטישער סטודיע" און פירער פון „קונסט־רינג". אין 1928—1929 גאַסטראָלירט ער אין פּוילן. אַלס אַמעריקאַנער בירגער פאַלט ער אונטער דער גזרה וועלכע האָט פאַרבאָטן אויסלענדישע אַקטיאָרן צו שפּילן אין פּוילן. טייטעלבוים איז געצוווּנגען צו פאַרלאָזן פּוילן, פאָרט קיין בעלגיע, נ' אַמעריקע און ישראל. קומט צוריק קיין נ' אַמעריקע, וווּ ער איז געשטאָרבן.

טייטעלבוים האָט איבערגעזעצט אַ סך פּיעסעס. סטרינדבערגס „דער פאָטער", דעלאַווינס „לודוויק דער עלפטער", אַנרי בערנשטיינס „שמשון", לינדויס „פּראָקוראָר האַלערס", ניעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָס „דער פּרײַז פון לעבן", אָניעלס „די תאווה אונטער די אולעמביימער" און פיל אַנדערע. ער איז אויך געווען טעטיק אַלס טעאַטער־שרײַבער און פאַרעפנטלעכט פיל פּובליציסטישע און טעאָרעטישע אַרטיקלען. באַזונדערס ווערטפול איז זײַן בוך „וויליאַם שעקספּיר" און זײַן אויטאָביאָגראַפיע אונטערן נאָמען „וואַרשעווער הייף".

## טיטעלמאַן מרדכי חיים

געבוירן אין יאָר 1872 אין וואַרשע. ביי עלטערן־סוחרים, געלערנט אין דער יוגנט אין דער ישיבה און בסוד למודי־חוץ. די עלטערן גיבן אים אַרײַן אין אַ לעדער־געשעפט. דאָרט באַקענט ער זיך מיטן אַקטיאָר גאָטפריד, וועלכער נעמט אים מיט אין דעמאָלטיקן ייִדישן טעאַטער „עלדאָראַדאָ" און טיטעלמאַן דערפילט אַ שטאַרקן חשק צו פּרוּוון זײַן טאַלאַנט אויף די בינע־ברעטער. טיטעלמאַן בלײַבט בײַ דער בינע און באַקומט באַלד אַ נאָמען אַלס פאַרשטענדיקער און גוטער שוישפּילער, אַ קורצע צײַט נאָך דעם ווערט ער רעזשיסאָר און אָרגאַניזירט אייגענע טרופּעס, מיט וועלכע ער פאָרט אַרום איבער רוסלאַנד, וווּ ער דערוואָרבט זיך אַ גרויסן נאָמען.

אין 1907 טרעט ער אַרײַן אַלס ערשטער אַרטיסט און רעזשיסירט אין נײַ־געגרינדעטן לאָדזשער גרויסן טעאַטער פון זאַנדבערג. אייניקע יאָר שפּעטער גרינדעט ער אין לאָדזש אַ „פאַראייניקטע טרופּע", מיט וועלכע ער פירט אויף ערנסטע דראַמעס. טיטעלמאַן ווערט דער מחנך פון אַ דור יונגע ייִדישע אַקטיאָרן. אָבער די פאַרשידענע גלגולים, וועלכע אַ ייִדישער אַקטיאָר מוז אין יענער צײַט מיטמאַכן, ווירקן שטאַרק אויף זײַן געזונט־צושטאַנד; זײַן שטים פאַרלירט איר גלאַנץ, שפּעטער באַקומט ער אַ פּאַראַליז, און פון אַ טעטיקן שוישפּילער ווערט טיטעלמאַן אַ טעאַטער־מבין. אַ ייִד אַ פּקח, געפינט ער שטענדיק אַ ווערטל אָפּצולאַכן פון אַ דורכפאַל און אויסדרוקן עפּעס אָריגינעלס וועגן אַ געלונגענע פאָרשטעלונג.

דעם 18טן מאַי 1921 איז טיטעלמאַן געשטאָרבן אין לאָדזש.

## טשיזשיק לאה

געבוירן בערך אין 1857 אין וואַרשע. אַ טאָכטער פון בונעם בדחן, אַרומגעפאָרן מיטן פאָטער און דערנאָך אַרײַנגענומען געוואָרן אינעם כאָר פון ייִדישן טעאַטער, געשפּילט מיט יעקב פּ. אַדלער אין לאָנדאָן. בעתן שפּילן באַקומען אַ בלוטשטורץ און געווען געצוווּנגען זיך צוריקצוציִען פון דער בינע. לאה טשיזשיק האָט זיך געפונען אין אַ מושב־זקנים אין לאָנדאָן.

## טשיזשיק יוסף

געבוירן בערך אין 1865 אין ווארשע, זיין פאטער איז דער בארימטער בונעם בדחן. אין עלטער פון 9 יאר אפגעגעבן געווארן צו א בייטל־מאכער. ארום 1882 זינגט ער א קורצע צייט ביי „די בראדער זינגער” אין ווארשע. אין 1889 געקומען אין לאנדאן, געשפילט אין פארשידענע קלובן יידיש־טעאטער, דערנאך אין פאריז, בערלין, בעלגיע. זיך אויסגעצייכנט אלס „קוני־לעמל”, „די באבע יאכנע” און אין אנדערע קאמישע פרויען־ראלן.

זינט 1915 האט ער זיך פארנומען מיט שווארצקינסטלעריי אין לאנדאן.

## טשיזשיק משה

זון פון בונעם בדחן, ארומגעפארן מיט זיין פאטער, דערנאך אליין געווען א בדחן, געדינט א קורצע צייט ביים מיליטער אין נארווא, און נאכן באפרייט ווערן אריינגעטראטן אלס כארזינגער אין דארטיקן רוסישן טעאטער. נאך אלס קינד געשפילט וויאלין, שטודירט דערנאך אין קאנסערוואטאריע, טרעט אבער באלד אריין אין דער יידישער טעאטער־טרופע פון קאהאן אין ווארשע, וועלכע שפילט אין טעאטער „ארקאדיא” גאלדפאדענס „באבע יאכנע”, אין „קוני־לעמל”, אבער נאך 9 פארשטעלונגען האט די טרופע געמוזט אויפהערן צו שפילן צוליב די פראטעסטן פונעם פובליקום, אז מען לאכט אפ אין די פיעסעס פון יידן.

משה טשיזשיק פארט דאן קיין מאסקווע, ווו ער טרעט אריין אין ארקעסטער פון דער קייזערלעכער אפערע, און ווערט מיט איידניקע יאר שפעטער דיריגענט, אונטערן נאמען טשיזשיקאוו. צוליב א מסירה איז טשיזשיק געווען געצוווּנגען זיך צו שמדן.

## טשיזשיק עמנואל

געבוירן דעם 26טן דעצעמבער 1867 אין ווארשע. א זון פון בונעם בדחן. געלערנט אין לאדזש אין חדרים און ביי יידישע לערערס — דייטש, רוסיש און פויליש.

ווען זיין פאטער לאזט זיך ארוים איבער דער מדינה, גיט ער אים אריין צו א פעלדשער אויף דער לער אלס פריזירער, נאך א יאר פארט ער צו זיין מוטער קיין ווארשע, ווו ער ארבעט אלס פריזירער, שפעטער אלס בייטל־מאכער. ווען זיין פאטער קומט צוריק פון רוסלאנד און פארט איבער די קליינע שטעטלעך פון פוילן, נעמט ער אים מיט צו זינגען לידלעך. פון פוילן פארן זיי קיין גאליציע, ווו זיי וואנדערן אלס בדחנים און „פרייל־עבמאכער”. נאך א קורצער צייט ווערט ער א זעלבשטענדיקער ברחן אין זשעלעכאוו. ווען אין טאמאשאוו פעלט אוים אין דער טרופע פישזאן־געלים א ראליסט פאר „ברײַנדעלע קאזאק”, טרעט טשיזשיק אריין אלס אקטיאר. דערנאך גייט ער איבער אין דער טרופע פון א. י. קאמינסקי און וואנדערט איבער שטעט און שטעטלעך פון פוילן. ווען מען פארווערט צו שפילן יידיש טעאטער, ווערט ער ווידער א בדחן. שפעטער ווערט ער ארויסגערופן קיין לאנדאן פון זיין ברודער יאסל, אבער נישט האבנדיק קיין מעגלעכקייטן דארט צו שפילן, האנדלט ער 6 יאר מיט פאפיראסן. פון לאנדאן קומט ער קיין פאריז, ווו ער שפילט מיט פאני וואדיא עפשטיין. ער הייבט אן צו פארפאסן לידלעך אויף באקאנטע מאטיוון, וואס צייכענען זיך אוים מיט דער פאלקסטימלעכקייט פון אמאליקע בדחנים. טשיזשיק האט אויך באארבעט פרצעס „מאניש” אין א פיראקטיקע פיעסע.

## טאנצמאן אברהם יצחק

געבוירן דעם 12טן נאוועמבער 1857 אין ווארשע. דער פאטער איז געווען א סוחר און הענטשקע פאבריקאנט. געלערנט אין חדר, ביי פריוואטע מלמדים און דערנאך אין ישיבה, שפעטער געלערנט למדי־חוץ ביי לערערס. אין 1877 ווערט טאנצמאן מיטגענומען דורך זיין פאטערס ארבעטער, דעם שפעטער באקאנטן אקטיאר שליפערשטיין, אויף פרוּוון צו „ליבהאבערס”, ביי וועלכע טאנצמאן ווערט בסוד א סופלאר און פארט איבער דער פראווינץ. שפעטער טרעט ער אריין אין בריסק אלס סופלאר אין גראדנערס טרופע, וועלכע צעפאלט זיך אבער, און טאנצמאן קומט צוריק קיין ווארשע. אין 1879 טרעט ער דאס ערשטע מאל ארוים אין זאמאשטש אין דער ראל פון שמרס „בעל־תשובה” און באנוצט אלס פראטאטיפ פאר זיין ראל א שטאטישן גאסנזינגער, דערביי זינגט ער דעם גאסנזינגערס לידל און ווערט באלד פון זיין ערשטן אויפטריט באליבט אלס כאראקטער־קאמיקער.

אין אנהייב פון 1880 יאר קומט זיין טרופע קיין ווארשע און הייבט אן שפילן אין „עלדאראדא”. טאנצמאן פירט אויף צום ערשטן מאל „שולמית” וואס ווערט געשפילט כסדר 125 מאל ביי אויספארקויפטע הייזער.

טאנצמאן האט דאן א באזונדערן דערפאלג אין שמרס פיעסעס „דער טרייפניאק” און אין „קאטארזשניק, אדער דער ישיבה־בחור”. שפעטער אין גאלדפאדענס „בר כובבא”, אלס פאפוס — אין „אחשורוש” וואס גאלדפאדען פירט אליין אויף אין ווארשע. אין 1885 פארט טאנצמאן מיט גאלדפאדענען קיין לאדזש, דערנאך שפילן זיי ווידער ביז 1887 אין ווארשע. אבער באלד דערנאך ווערט פארווערט צו שפילן יידיש טעאטער אין ווארשע. טאנצמאן פארט דאן ארום איבער דער פוילישער און רוסישער פראווינץ, קומט ווידער צוריק אין ווארשע, ווו ער באקומט די דערלויבעניש צו שפילן „יידיש־דייטש־טעאטער” מיטן באדינג אז 3 נעכט פון דער וואך זאל די הכנסה גיין פארן רוסישן רויטן קרייץ, אבער ערב דער ערשטער פארשטעלונג קומט אן א פארבאט פון גובערנאטאר, און טאנצמאן פארט אוועק שפילן אין גימפלס טעאטער אין לעמבערג. אין 1889 פארט טאנצמאן מיט דער פרוי אוועק קיין נארד־אמעריקע, ווו ער באקומט באלד א נאמען ביים טעאטער־עולם. נאך א פאמיליען טראגעדיע שטארבט טאנצמאן דעם 13טן נאוועמבער 1906 אין ניו יארק.

טאנצמאן האט פארפאסט די פיעסעס „שמשון הגיבור”, „קאפיטאן דרייפוס”, און פיל איינאקטערס.

## טארלא העגרי

געבוירן דעם 5טן פעברואר 1898 אין ווארשע. דער פאטער איז געווען א גארבער. ביז 16 יאר געלערנט אין פראגער מענערגימנאזיע, זיך קיין מאל נישט באטייליקט אין די דארטיקע שילערפארשטעלונגען. אין 1916 — דורך דער חברשאפט מיט נארוויד און שידלא איז ער אריינגעצויגן געווארן אין קרייז פון ליבהאבערס און געשפילט אויף פויליש אין ליבהאבער־קרייז פון שידלאן.

דערנאך טרעט טארלא אריין אין „ארטיסטישן ווינקעלע” ביים ווארשעווער „הזמיר”, ווו ער דעביוטירט אין דער הויפטראל אלס „מענדל” אין פרץ הירשביינס „די נבלה”, נעמט לעקציעס פון דראמאטישער קונסט ביים פוילישן אקטיאר און רעזשיסאר אלעקסאנדער זעלווערAוויטש. ער ווערט פארבעטן אין דער „ווילנער טרופע”, ווו ער שפילט די ערשטע צייט עפיזאדן־ראלע. נאכן ענדיקן

דאָס פּוילישע מיליטערדינסט פאָרט ער קיין בערלין, ווו ער אַרבעט אין דער בערלינער „פאָלקסבינע" אַלס געהילף־רעזשיסאָר. אין 1923 קומט ער צוריק קיין פּוילן, נעמט אָנטייל אינעם פילם „תקיעת כף", טרעט צוריק אַרייַן אין דער „ווילנער טרופּע", מיט וועלכער ער פאָרט קיין רומעניע. אין 1926 גיט ער זיך אָפּ אויסשליסלעך מיט רעזשיסאָרישער אַרבעט. נאָכן שפּילן 6 חדשים אין פראַנקרייַך פאָרט טאַרלאָ אין 1927 קיין ראַטן־פאַרבאַנד, און אין אַפּריל פון זעלבן יאָר טרעט ער אַרייַן אין כאַרקאָווער יידישן מלוכה־טעאַטער, ווו ער שפּילט די טיטל־ראָלע פון „שבתי צבי" און די ראָל פון „פּאָן וואָל" אין קושנעראָווס „הירש לעקערט". אין 1929 געוואָרן רעזשיסאָר־לאַבאָראַנט פון זעלביקן טעאַטער.

## טרייסטמאַן נתן-נחמיה

געבוירן אין יאָר 1896 אין וואַרשע. דער פאָטער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער. ביז 8 יאָר געלערנט אין תלמוד־תורה. צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע אין שטוב גענאַנגען אַרבעטן צו שאַכטלען פון פּאַפּיראָסן, שפּעטער אַלס שיקייַנגל אין אַ שנייַדער־געשעפט, אָפּט באַזוכט דאָס יידישע טעאַטער און אַרייַנגעטראָטן אין אַ „קינדער־טרופּע". אין 1912 איז ער אַרייַן אין דראַמאַטישן קרייַז פון „הזמיר", אַרבעטנדיק ווייַטער בייַ שנייַדערייַ. געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר און ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרומגעוואַנדערט מיט אַ טרופּע אין קאָוונער געגנט. צוריקגעקומען קיין וואַרשע, איז טרייסטמאַן, צוליבן פאַרבאָט אויף יידיש טעאַטער, אַרויסגעטראָטן מיט מעלאָדעקלאַמאַציעס, מאָנאָלאָגן און סקעטשן אויף כלומרשטע „טאַנצאָװנטן", וועלכע זענען פאַקטיש געווען טעאַטער־אונטערנעמונגען. שפּעטער אַרייַנגעטראָטן אין הערמאַנס דראַמאַטישער סטודיע, בייַ דער דייַטשער אָקופּאַציע, ווען ס'איז ווידער דערלויבט געוואָרן צו שפּילן יידיש, איז ער אַנגאַזשירט געוואָרן אין קאַמינסקיס טרופּע. אין 1917 מיטגעפאָרן מיט אַ. ר. קאַמינסקיס טרופּע, דערנאָך אין כאַרקאָווער טעאַטער „קונסט־ווינקל". אין 1923 אין שלום עליכמס טעאַטער אין מאָסקווע. דערנאָך צוריק אין „קונסט־ווינקל". אין 1929 אין „ווייַסרוסישן יידישן מלוכה־טעאַטער".

## טרילינג מאַניע

געבוירן בערך אין 1875 אין וואַרשע, בייַ אַ פאָטער אַ באַנדער, געאַרבעט אַלס הוט־פּוצערין און דורך דער באַקאַנטשאַפט מיטן אַקטיאָר הערמאַן בערמאַן צוגעצויגן געוואָרן אין 1892 צום יידישן טעאַטער, אין אָנפאַנג אַלס זינגערין, שפּעטער אויך פאַר מעלאָדראַמאַטישע ראָלן.

טרילינג האָט צוזאַמען מיט איר מאַן הערמאַן בערמאַן זיך באַטייליקט אין די אָנגעזעענסטע יידישע טרופּעס פון רוסלאַנד, פּוילן, ליטע, פראַנקרייַך און ענגלאַנד. געווען פיל יאָר פאַרבונדן מיט דער קאַמינסקי־טרופּע, געווען פאַרגעטערט פון אונדזערע עלטערן אַלס „מירעלע אפרת", „מאַדעאַ, ראָניע די פּאַטשערקע" — אין „די שבועה" — אין „פּערעניו" — „גאָט, מענטש און טייוול" — די טרילינג איז געשטאָרבן דעם 25טן אַפּריל 1920 אין יעקאַטערינאָסלאַוו.

## לאַמפּע מאָריס

געבוירן אין 1895 אין וואַרשע, בייַ חסידיש־פאַרמעגלעכע עלטערן. געלערנט אין חדר, צו 13 יאָר געענדיקט די פאָלקסשול. באַלד נאָך די ערשטע באַזוכן אין פּוילישן און אין יידישן טעאַטער, געוואָרן פאַרכאַפּט פון טעאַטער־שפּיל, און געוואָרן אַן אַרייַנגייער הינטער די קוליסן פון יידישן טעאַטער. אַלס אַקטיאָר וואַנדערט ער אַרום מיט פאַרשידענע טרופּעס איבער דער פּוילישער פּראָווינץ. אין 1918 פאָרט ער אַוועק קיין ראַטן־פאַרבאַנד, ווו ער שפּילט אין פאַרשידענע טעאַטערס אין פאַרשידענע שטעט, ביז ער ווערט פאַרביטן אַלס קינסטלערישער אָנפירער פון אַ דראַמסטודיע אין וויטעבסק. נאָך דעם ווערט ער אָנפירער פון אַ טרופּע אין אָדעס, פון דאָרט פאָרט ער קיין קיִעוו, ווו ער שפּילט מיט אַ טייל פון דער טרופּע פון „קונסט־ווינקל". דערנאָך געפאָרן קיין פּאַריז, בעלגיע, פּוילן, רומעניע, עסטרייַך און אין 1932 איז ער צוריקגעקומען קיין וואַרשע. לאַמפּע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זייַן ערנסטע באַציִונג און געשמאַק צום בעסערן יידישן טעאַטער, איבערהויפּט פלעגט ער אויפפירן שלום־עליכמס רעפּערטואַר. בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע האָט ער זיך געפונען אין ווילנע, ווו ער האָט געשפּילט טעאַטער אין געטאָ און דאָרט אומגעקומען.

## לאַנדוי — קלעקוי שמואל

געבוירן דעם 9טן אויגוסט אין וולאָצלאַוועק, בייַ עלטערן סוחרים. געענדיקט פּראָגימנאַזיע און נאָך אַלס שילער געשפּילט פּויליש מיט ליבהאָבער. אין 1900 אונטערן פּסעוודאָנים „סטאַלסקי" איז ער אַרייַנגעטראָטן אין אַ פּוילישער אָפּערעטן־טרופּע אין לאָדזש. שפּעטער אַריבער שפּילן אויף דייַטש אין דאָרטיקן טעאַטער, און דערנאָך אין גרובינסקיס אָפּערעטע־דראַמאַטישע טרופּע אין וואַרשע. אין 1905 געשפּילט אין טעאַטער „לודאָווי" און נאָך דעם אין דער פּוילישער אָפּערע, ווו ער האָט געזונגען אייניקע הויפּט־ראָלן. דערנאָך גייט לאַנדוי איבער צום יידישן טעאַטער „נאָווי", אויף קרולעווסקע־גאַס. זינט דאַן שפּילט ער מיט געוויסע הפסקות אויף דער יידישער בינע אין די אָנגעזעענסטע טרופּעס. לאַנדוי האָט אויך שטודירט רעזשי און טעאַטער־קונסט, האָט אויך איבערגעזעצט אייניקע פּיעסעס אין יידיש, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן אין פּוילן. בעת דער נאַצישער אינוואַזיע ראַטעוועט ער זיך צוזאַמען מיט אַנדערע אַקטיאָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד, ווו ער שפּילט צולעצט אין ביאַליסטאָקער יידישן מלוכה־טעאַטער, אין וועלכן ער שפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָלע. דעם 7טן דעצעמבער 1940, בעת ס'ווערט אויפגעפירט די פּרעמיערע פון שעקספּירס „שטורעם" מיט לאַנדוי אין דער הויפּטראָל, באַקומט ער אַן האַרצאַטאַק בייַם סוף פונעם ערשטן אַקט און פאַרענדיקט זייַן לעבן אויף דער בינע.

## לאַנצמאַן זקן זרח — פּלטיאל

געבוירן אין יאָר 1866 אין וואַרשע, בייַ אַ פאָטער אַ רייַזנדער פון אַ האָלצפירמע. געלערנט אין חדרים און אין אַ פּוילישער שול. באַזיצנדיק אַ שיינע שטים און אַ נייגונג צו נגינה, איז ער געוואָרן אַ זינגער אויף בריתן און חתנות און דערנאָך אַ יידישער פאָלקסזינגער. שפּעטער אַרייַנגעטראָטן אַלס זינגער און טענצער אין אַן אוקראַיִנישער טרופּע און פון דאָרט איבערגעגאַנגען אין יידישן טעאַטער. אין 1905 איז ער אַרויסגעטראָטן אין כאַראַקטער־ראָלן אין ספּיוואַקאָווסקיס און סעם אַדלערס טרופּע אין פּעטערבורג און נאָך דעם אין וואַרשע. שפּעטער בייַ קאַמינסקין און בייַ זאַנדבערגן אין לאָדזש. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך באַזעצט אין רוסלאַנד, ווו ער טרעט זעלטן אַרויס אויף דער בינע, זייענדיק אַ געוויסע צייַט דירעקטאָר פון אַ יידישע טרופּע אין אירקוטסק (סיביר).

## לאַסקאָווסקי פיליפ

געבוירן דעם 17טן יולי 1889 אין ווארשע. דער פאָטער איז געווען אַ ראַדזימינער חסיד, אַ וואַלד־סוחר. געלערנט בײַ מלמדים און לערער אין דער היים און אַלס ייִנגל געזונגען בײַ אַ חזן. לאַסקאָווסקיס ברודער — אַ מוזיק־פּראָפעסאָר — נעמט אים אונטער זײַן השגחה און לערנט אים שפּילן מיטן פלאַן אים צוצוגרייטן פאַר אַ מיליטערישן קאַפּעלמײַסטער, און צוליב פּראַקטיק גיט ער אים די מעגלעכקייט, אין עלטער פון 13 יאָר, אײַנצושטודירן די אָפּערעטע „בוסתנאי" בײַ א. י. קאַמינסקי. דערנאָך שפּילט ער מיט שטראָספּאָגלען אַלס אַקטיאָר, ביז צום אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאָרט ער אַרום מיט פאַרשידענע ייִדישע טרופּעס איבער פּוילן און רוסלאַנד.

בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע, ווען עס ווערט אָרגאַניזירט דאָס טעאַטער „צענטראַל", טרעט ער אַרײַן אַלס אַקטיאָר און באַטייליקט זיך אַלס כאַראַקטער־קאָמיקער אין דעמאָלט אויפגעפירטע אייראָפּעיִשע אָפּערעטעס, אין יענער צײַט פאַרפאַסט ער מוזיק צו נאָזשיקס אָפּערעטע „דוואָשע די סופּראַזשיסטקע", „דער שטרויענער אַלמן", „די ווארשעווער יוגנט".

צוליב מיליטער־סיבות פאַרלאָזט ער אין 1921 פּוילן און פאָרט קיין נ' אַמעריקע, וווּ ער ציט זיך צוריק פון שפּילן אויף דער בינע און גיט זיך אָפּ מיט דיריזשירן אין ייִדישן טעאַטער און שרײַבן קאָמפּאָזיציעס צו די לידער אין די אויפגעפירטע מעלאָדראַמעס און אָפּערעטעס.

## לאַסקי מאַקס

געבוירן אין יאָר 1895 אין ווארשע, דער פאָטער אַ שמש. געלערנט אין חדר. אַלס קינד מיטגעשפּילט אין דער „קינדער־טרופּע" אין מוראַנאָווער טעאַטער.

אין 1907 געקומען קיין נ' אַמעריקע, געלערנט אין אַן אָוונטשול און געוואָרן אַ שטובמאָלער. צוליב נײַגונג צו דער בינע געוואָרן אַ מיטגרינדער פון דעם „היברו דראַמאַטיק קלאָב", געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר און אַרומגעפאָרן איבער דער פּראָווינץ. שפּעטער געוואָרן אַ מיטגרינדער פון דער „אייראָפּעיִשע קאָאָפּעראַטיווע ייִדישער טרופּע", מיט וועלכע ער האָט געשפּילט אין פאַרשידענע טעאַטערס.

## לאַקס אברהם

געבוירן דעם 16טן אויגוסט 1899 אין ווארשע. דער פאָטער אַ העברעיִשער לערער. געלערנט אין חדר און געענדיקט אַ 4 קלאַסיקע שטאָטישע שול. ביז 15 יאָר געזונגען אין נאָזשיקס שיל. צוליב מאַטעריעלע סיבות אַרײַנגעטראָטן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אַלס קופּלעטיסט אין די וואָדעוויל הײַזער און פון דאָרט אַנגאַזשירט געוואָרן אין דער לובלינער ייִדישער טרופּע פון שלמה הערשקאָוויטש. אין 1922 אַוועקגעפאָרן קיין נ' אַמעריקע, וווּ ער שפּילט אַלס פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר.

## לאוי דוויד

געבוירן דעם 17טן סעפּטעמבער 1887 אין ווארשע, בײַ עלטערן הויזבאַזיצערס. געלערנט אין חדר, אין מײַזלערס שול און מיטגעמאַכט אַ קורס אין וואַוועלבערגס פּאָליטעכניקום. נאָך אין דער שול זיך באַטייליקט אין פּוילישע און רוסישע שול־פאָרשטעלונגען. אַלס מיטגליד פון דער ייִדישער סעקציע פון דער פּפּ"ס געפירט אַ שטרײַק קעגן אַ לערער און שפּעטער, צוליב פּאָליטישע סיבות, געווען אַרעסטירט אָנדערהאַלבן יאָר אין פּאַוויאַק. נאָך דער באַפרײַונג אַוועק קיין בערלין, וווּ ער באַקענט זיך מיט ייִדישע ליבהאָבער און הייבט אָן מיט זיי צו שפּילן ייִדיש טעאַטער. צוריקגעקומען אומלעגאַל קיין פּוילן, פירט ער אָן אַ שטרײַק אין ייִדישן טעאַטער, קומט אַזוי אַרום אין קאָנטאַקט מיטן ייִדישן אַקטיאָר, און נאָכן שפּילן אַ קורצע צײַט מיט ליבהאָבער טרעט ער אַרײַן אַלס פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר אין קאָמפּאַניעצעס טרופּע, נאָך דעם צו קאַמינסקין, שפּילט 13 יאָר מיט אסתר רחל קאַמינסקי אין איר גאַנצן רעפּערטואַר, איבער פּוילן און רוסלאַנד. נאָך אסתר רחלס טויט איז לאוי אַרומגעפאָרן מיט דער טרופּע פון אידאַ קאַמינסקאַ־זיגמונט טורקאָוו. לאוי האָט זיך אויך באַטייליקט אין פילם „לאַמעד וואָוו" (רעזשי — יאָנאַס טורקאָוו). בעת אַן אויסזידלונג־אַקציע אינעם ווארשעווער געטאָ איז ער געשיקט געוואָרן אויף אומקום קיין טרעבלינקע.

## לומעט ברוך

געבוירן דעם 22טן מײַ 1898 אין ווארשע, בײַ אַ פאָטער אַ חזן אין אַ קליין שילעכל, וווּ לומעט איז משורר. נאָכן פאָטערס טויט געזונגען אַלס קינדער־קופּלעטיסט אין פאַרשידענע פּוילישע וואָדעוויל־הײַזער און דערנאָך אַרײַנגעטראָטן אין אַ דראַמאַטישער סעקציע אונטער דער רעזשי פון דוויד הערמאַן, וועלכער פאַראינטערעסירט זיך מיט אים און לערנט אים די דראַמאַטישע קונסט. אין דער זעלבער צײַט לערנט ער טעאָריע פון מוזיק, דערנאָך שפּילט ער אין דער דראַמאַטישער סטודיע פון דוויד הערמאַן. אין 1920 איז ער אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, געשפּילט אַ קורצע צײַט אין ניו־יאָרקער ייִדישן קונסט־טעאַטער, אין 1928—1929 אָנגעפירט מיט אַ דראַמסטודיע אין פילאַדעלפיע. זינט דעמאָלט האָט לומעט פון צײַט צו צײַט אײַנגעאָרדנט דראַמאַטישע אָוונטן, בײַ וועלכע ער פירט אַליין אויס ס'רוב אייגענע דראַמאַטיזירונגען מיט אייגענע מוזיק — „דער משוגענער בטלן", „שיר־השירים", ערשטער אַקט פון „די גאָלדענע קייט", „בײַם פרעמדן חופּה־קלייד", „דער רויטער פּאָדעם", אַ ספּעציאַלע פּאָעמע פון די ווערק פון מ. ווינטשעווסקי, מ. ראָזנפעלד, ד. עדעלשטאַט, א. רײַזען און אַנדערע, אַלעקסאַנדער בלאָקס „די צוועלף", „פישקע דער קרומער", „מנחם מענדל" — אין 1930—1931 געשפּילט אין ייִדישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אייניקע קינדער־פּיעסעס. אין 1932 איז דערשינען לומעטס אַ טייל פּיעסעס אין אַ בוך „טעאַטער פאַר קינדער".

## ליפּינסקי יצחק

געבוירן דעם 4טן יולי 1893 אין ווארשע. דער פאָטער — אַ סוחר. געלערנט אין חדר און אין רעאַל־שול. אַלס קינד געזונגען בײַם חזן שערמאַן, און אין עלטער פון 10 יאָר געשפּילט אויף פּויליש אין דער שול. אַלס 12־יעריקער מיטגעשפּילט אין דער ייִדישער קינדער־טרופּע אין „מוראַנאָווער" ייִדישן טעאַטער און באַלד דערנאָך אַרויסגעפאָרן מיט דער קינדער־טרופּע, וועלכע איז געשטאַנען אונטער דער דירעקציע און רעזשי פון גוסטאַוו שוואַרצבאַרד. אַלס דערוואַקסענער געשפּילט אין פאַרשידענע טרופּעס איבער פּוילן און רוסלאַנד, צווישן זיי אין קאַמינסקיס טעאַטער און אין „צענטראַל". אין 1920 געפאָרן קיין נ' אַמעריקע, געשפּילט אין מערערע טרופּעס אין ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע א"אַ.

## ליאָוו לעאָ

געבוירן דעם 15טן יאַנואַר 1878 אין וואָלקאָוויסק, גראָדנער גובערניע, בײַ עלטערן סוחרים. באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע דערציִונג. שוין צו 8 יאָר אַרויסגעוויזן נייגונג צו מוזיק. צו 12 יאָר געדאַוונט פאַרן עמוד אַלס „ווּנדערקינד", און צו 15 יאָר דיריגירט מיט אַ גרויסן כאָר אין ווילנער שטאָטשיל.

אַלס סטודענט פון דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע געקומען זומער אויף אורלויב אין קיִעוו און דאָרט געוואָרן כאָרמײַסטער פון אַ רוסישער אָפּערעטן־טרופּע און אויך אין פישזאָנס יִדישער טרופּע. אין עלטער פון 22 יאָר אַבסאָלווירט די קאָנסערוואַטאָריע, געוואָרן מיליטער־קאַפּעלמײַסטער, דערנאָך דיריגענט אין פאַרשידענע נישט־יִדישע טרופּעס. אין דער צײַט אָנגעשריבן צוזאַמען מיט שלאָסבערגן די מוזיק צו לאַטײַנערס „חורבן ירושלים". זײַענדיק בײַ קאָמפּאַניעעצן אין טרופּע, האָט ליאָוו אויך געפּרוּווט זיך אַלס אַקטיאָר, און בעת מען פלעגט שפּילן דראַמעס און ער פלעגט נישט דיריגירן, פלעגט ער זיך באַטייליקן אין די פאָרשטעלונגען.

דערנאָך ווערט ליאָוו אַנגאַזשירט אין דער ווילנער גרויסער שיל אַלס שטענדיקער דיריגענט בײַם חזן גרשון סיראָטע. דאָ שטודירט ליאָוו סינאַגאָגאַלע קאָמפּאָזיציעס פאַר סאָלאָ און כאָר, וועלכע זענען אַרײַן אין רעפּערטואַר פון סיראָטאַ און אַנדערע חזנים. אין 1902 האָט ער אײַנגעאָרדנט זײַן ערשטן רעליגיעזן קאָנצערט אין ווילנע, דערנאָך אויפגעטראָטן מיט ענלעכע קאָנצערטן אין מינסק, גראָדנע, ביאַליסטאָק, וואַרשע און אַנדערע שטעט מיט סיראָטאַן אַלס סאָליסט. אין 1905 ווערט ער מוזיק־דיריגענט אין בנקאַרעסטער רעפאָרם־טעמפּל, וווּ ער פירט אײַן אַ נײַעם רעפּערטואַר מיט אַ מער יִדיש טראַדיציאָנעלן אינהאַלט און שרײַבט פּרעלודיעס פאַרן אָרגל. דאָ שטודירט ער מוזיק איניקע יאָר בײַ קאָהענלינאַרן, שרײַבט סינאַגאָגאַלע קאָמפּאָזיציעס און גיט אַ ריי קאָנצערטן פון סינאַגאָגאַלער און קלאַסישער מוזיק. אין 1908 ווערט ער הויפּט־דיריגענט אין וואַרשעווער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע, וווּ ער בילדעט אויס אַ כאָר, וועלכער דערוועבט זיך גרויס פּאָפּולאַריטעט. אין משך פון זײַן 12־יאָריקער טעטיקייט אין וואַרשע — ביז 1920 — האָט ליאָוו געשאַפן פיל וואָקאַלע און אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציעס און פיל אויפגעטאָן אויפן געביט פון פאָלקסמוזיק, אַרויסטרעטנדיק אַלס מוזיק־דירעקטאָר אין אָרטיקן „הזמיר" אויף די פאַמיליע־אָוונטן אין ספּעציעלע פּראָגראַמען פון פאָלקסלידער, געהאַלטן לעקציעס איבער פאָלקסמוזיק און געשריבן מוזיק צו די טעקסטן פון יִדישע דיכטער. ליאָוו איז אויך אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און געזאַמלט פאָלקסלידער, חסידישע ניגונים און זיי באַאַרבעט און אַ טייל פון זיי פאַרעפנטלעכט אין פאַרלאַג „ניגון". אין 1913 איז ליאָוו געפאָרן מיט סיראָטאַן אויף אַ קאָנצערט טורנעע איבער אַמעריקע, און ווען ער איז צוריקגעקומען אין וואַרשע, האָט ער געשריבן מוזיק צו לײַכטע פאָלקסלידער, איבערזעצונגען פון קינדערלידער, לידער פון פּרצן און אַנדערע יִדישע שרײַבער, פאַר יִדישע קינדערהיימען אונטער דער אָנפירונג פון פּרץ און דינעזאָן. בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע פון פוילן — 1915 — האָט ליאָוו ווידער געגרינדעט אַ כאָר, מיט וועלכן ער האָט געגעבן קאָנצערטן, דערנאָך איז ער געוואָרן דיריגענט פון בונדישן כאָר בײַם „גראָסער־קלוב" אין וואַרשע, פאַר וועלכן ער האָט באַאַרבעט אַרבעטער־ און רעוואָלוציאָנערע לידער. אין 1920 — ווידער געקומען קיין אַמעריקע מיטן חזן מרדכי הערשמאַן אַלס סאָליסט, דערנאָך אײַנגעאָרדנט קאָנצערטן פון וועלטלעכער, סינאַגאָגאַלער, יִדישער פאָלקסמוזיק און אָריגינעלע קאָמפּאָזיציעס. דערנאָך איז ליאָוו צוגעצויגן געוואָרן אַלס דיריגענט אין פּעטערסאָנער יִדישן געזאַנג־פאַראיין, וווּ ער האָט אַחוץ יִדישע פאָלקסלידער, אויך אײַנגעשטודירט פראַגמענטן פון אָראַטאָריעס. שפּעטער אָרגאַניזירט ער אַ כאָר בײַם נאַציאָנאַלן יִדישן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין ניו־יאָרק. רעאָרגאַניזירט דעם בראָנזווילער שובערט־געזאַנג־פאַראיין און ווערט מוזיק־לערער אין יִדישן לערער־סעמינאַר. אַלס געזאַנג־לערער אין די אַרבעטער־רינג־שולן, האָט ער אין 1924 אויפגעפירט די קינדער־אָפּערעטע „די באַפרײַונג פון פרילינג" פון קיליגיטש, צו וועלכער ער האָט געשריבן מוזיק. אין 1929 איז אין מאַנהעטן אָפּערע־הויז אויסגעפירט געוואָרן צום 10יאָריקן יוביליי פון די אַרבעטער־רינג־שולן — אויסגעפירט דורך די קינדער מיט אַ סימפאָנישן אָרקעסטער — „דער לידער קראַנץ פון קינדער שפּילפּלאַץ, ביז די באַריקאַדן, געפלאָכטן פון פאָלקסלידער, אַרבעטער־ און קאַמפּסלידער", ליברעטאָ און מוזיק פון ל. ליאָוו.

אין 1930 האָט ער אויפגעפירט מיטן כאָר פון יִדישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד הענדעלס אָראַטאָריע „יהודה המכבי". ער האָט אויך באַזוכט ישראל און דאָרט אָנגעפירט מיט קאָנצערטן מיט אַ פאַרגרעסערטן אָפּערע־כאָר. ביז היינט געפינט ער זיך אין ניו־יאָרק, וווּ ער דיריגירט דעם כאָר אין בית־אל טעמפּל.

פאַר טויזנטער און טויזנטער פון אונדזער דור וואַרשעווער, וועט לעאָ ליאָוו — אַ הויכער, דיקער מיט ראָזעווע באַקן, מיט פאַרזשמורעטע אויגן, דער גוטמוטיקער און שטרענגער אָרגאַניזירער און פירער פון די קינדערכאָרן פון די וואַרשעווער יִדישע גמינעשולן, בלײַבן אויף אייביק אײַנגעקריצט אין זכרון אַלס דער פּיאָנער וואָס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר די שפּעטערדיקע אַרבעטער־כאָרן און בכלל דער, וואָס האָט אין אונדז דערוועקט דעם געשמאַק צו דער קלאַסישער און פאָלקסמוזיק. און זאָל נישט פאַרגעסן ווערן, אַז ווען הונדערטער יִדישע אַרבעטער האָבן מיט זייערע איינצלנע מאַרקן — וואָס האָבן נישט געקלעקט אײַנצוקויפן אַ שטיקל ברויט — האָבן זיי אײַנגעהאַנדלט דעם אַרײַנשמוגל „אויף גאַפּע" אין די הײַזער פון דער וואַרשעווער „פילהאַרמאָניע" און „אָפּערע" — איז דאָס געווען די פרוכט פון לעאָ ליאָווס דערציִונג. און ס'דאַרף פאַרצייכנט ווערן דער פאַקט, אַז הונדערטער קינדער פון דער וואַרשעווער אָרעמקייט, וועלכע זענען פאַרנאַכט נאָך די שול־למודים געקומען אויף גענשע 43, צו די כאָר־רעפּעטיציעס, האָט ליאָוו פאַר זיי — בײַ די גמינע תקיפים — אויסגעקעמפט אַ ברויטל מיט אַ וואָרשטל און אַ גלאָז מילך, וואָס איז כמעט שטענדיק געווען זייער איינציק אָוונט־ברויט.

## ליבערט יעקב

געבוירן אין יאָר 1874 אין וואַרשע, בײַ חסידישע עלטערן. געלערנט ביז 13 יאָר אין חדר, און שוין צו 10 יאָר אָפּגעגעבן געוואָרן אויף דער לער אין אַ יִדישער דרוקערײַ. גלײַכצײַטיק געווען אַ משורר בײַ אַ חזן און זיך באַטייליקט אין „קנאַבנכאָר" אין גאָלדפאַדענס טרופּע אין וואַרשע. ליבערט ווערט זייער פאַרכאַפּט פון טעאַטער און קאָפּירט נאָך אין שטוב די אַקטיאָרן. גאָלדפאַדען באַמערקט דאָס און גיט אים צו שפּילן ראָלן צוגעפּאַסט צו זײַן עלטער. ליבערט הערט אויף זיך צו באַשעפטיקן מיט זײַן פאַך און פאַרברענגט זײַן גאַנצע צײַט אויף און אַרום דער בינע. אין 1887 — בעתן פאַרבאָט אויפן יִדישן טעאַטער, טרעט ער אַרײַן אַרבעטן אין אַ פּוילישער דרוקערײַ, פון וועלכער דער באַזיצער איז אַן אַקטיאָר פון די פּוילישע רעגירונגס־טעאַטערס, און ליבערט לערנט זיך בײַ אים פּויליש און אויך טעאַטער־טעכניק. אין עלטער פון 17 יאָר באַקענט ער זיך מיט אסתר רחל האַלפּערן — שפּעטער קאַמינסקי —

און צוזאמען מיט נאָך חברים געגרינדעט אין ווארשע א ייִדיש דראַמאטיש קרײַזל, וואָס האָט זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע שטערונגען מצד דער רוסישער פּאָליציי. אין 1892 — א דאנק דער באַמיִונג פון דער רוסישער טעאטער־דירעקטאָרשע אָלגינסקאיא — באַקומען די דערלויבעניש צו שפּילן אין ווארשע אויף „ייִדיש־דײַטש" צוזאַמען מיט דער רוסישער טרופּע, אָבער די טרופּע עקסיסטירט נישט לאַנג און אין 1893 — בעת עס ווערט פאַרווערט צו שפּילן אפילו „ייִדיש־דײַטש" — ווערט ליבערט אַנגאַזשירט צו פּישזאָנען, מיט וועמענס טרופּע ער פאָרט אַרום 11 יאָר איבער שטעט און שטעטלעך פון גרויסרוסלאַנד, איבערטראָגנדיק נגישות און צרות פון דער רוסישער מאַכט און הונגער צוליב די אָפטע שוואַרצע באַזוכן אין געוויסע שטעט און עקספּלאָטאַציע מצד די אונטערנעמערס.

אין 1905 איז ליבערט געקומען אין ווארשע און צוזאַמען מיט אסתר רחל קאַמינסקי אָפּגעטיילט די דראַמע פון דער אָפּערעטע. געשפּילט מיט איר א געוויסע צײַט צוזאַמען אין ווארשע אין דער דראַמע און דערנאָך געמאַכט אַ טורנעע איבער די גרעסטע שטעט פון רוסלאַנד. שפּעטער איז ליבערט איינער פון די וויכטיקסטע כוחות פון דער „פאַראייניקטער טרופּע", ווו ער שפּילט די הויפּטראָלן אין גאַנצן רעפּערטואַר פון גאָרדין, ליבין און קאָברין, און צייכנט זיך אויך אויס אין איבסענס און אין זודערמאַנס פּיעסעס. אין 1911 — אַרומגעפאָרן מיט דער דראַמאַטישער טרופּע איבער דער וואָלגאַ, סיביר און אַנדערע טיילן פון מזרח־רוסלאַנד. אין 1912 — אָנגעפירט צוזאַמען מיט סאַנדלער — עפּלבערג, מיטן „עליזעאום"־טעאַטער אין ווארשע, ווו עס ווערט צום ערשטן מאָל אויפגעפירט אייראָפּעיִשע אָפּערעטעס אין דער ייִדישער שפּראַך. בעת דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — 1917 — אַרומגעפאָרן איבער אוקראַיִנע און מיטגעהאָלפן גרינדן דאָס ייִדישע מלוכה־טעאַטער אין קיִעוו. אין 1920 געשפּילט מיט א קאָלעקטיוו אין קאַווקאַז און אין 1930 אַרײַנגעטראָטן אין באַוועגלעכן מלוכה־טעאַטער.

ליבערט האָט באַקומען פון דער ראַטן־רעגירונג דעם טיטל „פאַרדינסטפולער אַרטיסט" און ווערט יעדעס יאָר פּרעמירט מיט א געלטסומע, ווי אויך מיט 2 חדשים אורלויב.

## ליפּמאַן משה

געבוירן דעם 20טן פעברואַר 1893 אין אַפּט, ראַדאָמער גוב', בײַ חסידישע עלטערן. צו 7 יאָר געקומען קיין ווארשע, געלערנט אין פאַרשידענע חדרים. צו 12 יאָר געאַרבעט בײַ א זײַגער־מאַכער. אין 1907 געוואָרן א ליבהאָבער און אין 1909 אַרײַנגעטראָטן אַלס פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר צו סעם אַדלערן אין ווארשע. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרומגעפאָרן מיט פאַרשידענע טרופּעס איבער פּוילן און רוסלאַנד. בעתן מלחמה־אויסבראָך, 1914, אַרויסגעפאָרן קיין רוסלאַנד און דאָרט געשפּילט ייִדיש טעאַטער אין די ווײַטסטע געגנטן, ביז סיביר. אין 1918 געווען א מיטגרינדער פון ערשטן ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין אָדעס. אין 1921 צוריקגעקומען אין פּוילן, געשפּילט אין גאַליציע, דערנאָך אַרײַנגעטראָטן אין ווארשעווער „צענטראַל"־טעאַטער, ווו ער איז געווען איינער פון די אָנפירערס און אויפגעפירט בעסערע פּיעסעס. אין 1926 — אָנגעפירט מיטן „סקאַלאַ"־טעאַטער אין לאָדזש, 1927 — גאַסטראָלירט אין דרום־אַפריקע, אין 1928 — אָנגעפירט מיטן קאַמינסקי־טעאַטער אין ווארשע. נאָך דעם מיטן „סקאַלאַ"־טעאַטער. ליפּמאַן האָט אויך אָנגעשריבן א רעפּאָרטאַזש־פּיעסע „די 10 פון פּאַוויאַק". אין דער צײַט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך געראַטעוועט אינעם ראַטנפאַרבאַנד. ליפּמאַן געפינט זיך איצט אין אַרגענטינע.

## לעדערמאַן דוויד

געבוירן אין אַפּט, ראַדאָמער גוב', בײַ פרומע עלטערן־סוחרים. נאָך אין דער שול אין לאָדזש, האָט ער זיך באַטייליקט אין די שילער־פאָרשטעלונגען. שפּעטער געאַרבעט אויף א פאַרם בײַ לאָדזש. צוריקקומענדיק אין לאָדזש, האָט ער אָנגעהויבן פאַרקערן אין ליבהאָבער־קרײַזן און דעביוטירט בײַ דעם מאָסקווער רעזשיסער באַרו. אין 1919 איז לעדערמאַן געוואָרן א פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר אין סעם אַדלערס טרופּע. אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער געווען איינער פון די מיטגרינדערס פונעם „צענטראַל"־טעאַטער אין ווארשע. אין 1921 — איז ער צווישן די גרינדערס פון „וויקט", אין וועלכן ער שפּילט אין ווארשע און אויף דער פּראָווינץ. דערנאָך אין קאַמינסקיס טעאַטער „סמבטיון", ווו ער איז אויך א מיטדירעקטאָר. אין 1932 — מיטגרינדער פון דער „ייִדישער באַנדע", מיט וועלכע ער מאַכט א טורנעע איבער דער פּראָווינץ. לעדערמאַן האָט אויך זיך באַטייליקט אין די פילמען „תקיעת־כּף" און „אין פּוילישע וועלדער". איצט געפינט ער זיך אין אַרגענטינע.

## לעווי זשאַק

געבוירן דעם 10טן סעפּטעמבער 1887 אין ווארשע, בײַ אָרעמע חסידישע עלטערן. צו 13 יאָר אָנגעהויבן צו לייענען „טריפה־פּסול" ביכער, געגומען באַזוכן די פּוילישע אָפּערע און דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען און געחלומט צו ווערן אַן אַקטיאָר. אין 1905 דעביוטירט ער אין פּאַריז, מיטן ליבהאָבער־קרײַז פון דער „פרייער ייִדישער אַרבעטער־בינע". אין 1906 ווערט ער א פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר, שפּילט מיט די גאַסטראָלירנדיקע טרופּעס אין פּאַריז. אין 1909 איז ער צום ערשטן מאָל אין פּראָג אויפגעטראָטן אויף א רעציטאַציע־אָוונט, פאָרלייענענדיק פּרצן, נאָמבערגן, רײַזענען, ראָזענפעלדן און שלום־עליכמען. אין 1911 — צוריקגעקומען קיין ווארשע, געמאַכט א טורנעע איבער ווײַסרוסלאַנד און לעטלאַנד. אין 1912 — שטודירט ער אין פראַנקפורט אין א דראַמאַטישער שול. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געשפּילט אין בודאַפּעסט. אין 1919 געקומען קיין ווארשע, טרעט אויף אין טעאַטער „עליזעום" אין א סאָלאָ־קאָנצערט מיט רעציטאַציעס פון דער ייִדישער און פון דער וועלט־ליטעראַטור. אין 1924 האָט ער אין ווארשע געגרינדעט א „הבימה". אין 1942 איז ער פון די „יודען פּאָליציי" „אויסגעזידלט" געוואָרן אויף אומקום.

## לייפּציקער מאַרק

געבוירן דעם 27טן סעפּטעמבער 1897 אין ווארשע, אין א חסידישער פאַמיליע. געלערנט אין חדרים, ישיבות, מיט שוועריקייטן דערלויבט צו לערנען בײַ א לערער למודי־חול. דורך זײַן קוזין, דעם אַקטיאָר חיים גרינשפּאַן, געוואָרן באַקאַנט מיטן ייִדישן טעאַטער און באַקומען דערצו א שטאַרקע נײַגונג. זיך באַטייליקט אין דראַמקרײַזן בײַם ווארשעווער „הזמיר" און דערנאָך אַרויסגעוואַנדערט 2 יאָר אַלס סופלאָר מיטן אַקטיאָר נתן גאָלדבערג איבער פּוילן. צוליב דער ערשטער וועלט־מלחמה געשטערט געוואָרן צו שפּילן ייִדיש און געמוזט געבן פאָרשטעלונגען אין טאַנץ־ און חתונה־זאַלן אונטער דער מאַסקע פון טאַנצאָוונטן און חתונות.

סוף 1914 — אַוועק קיין מינסק און דאָרט מיט אַקטיאָרן און ליבהאָבערס צונויפגעשטעלט א קאָלעקטיוו און געשפּילט שבת־נאָכמיטאָגס, אָפּגעבנדיק 50 פּראָצענט פאַרן רוסישן רויטן קרײַץ. נאָכן שפּילן איינציקע מאָל ווערט בכלל פאַרווערט דאָס שפּילן. אין

1915 — צוריקגעפאָרן קיין ווארשע און דאָרט סופלירט אין „אַרטיסטיש־ווינקעלע" בײַם „הזמיר". דערנאָך געפאָרן אין אַ טורנעע מיט אסתר רחל קאַמינסקי איבער פּוילן און אוקראַיִנע. נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אַרײַנגעטראָטן אין דער טרופּע פון רודאָלף זאַסלאַווסקי־לוקסעמבורג. אין 1920 זיך באַטייליקט אין פּאָלטאַווער „קונסט־ווינקל", וועלכער טראָגט זיך איבער אין 1921 קיין קרעמענטשוג און דערנאָך אין כאַרקאָוו. זינט 1922 באַזעצט זיך דאָס טעאַטער אין קיִעוו, וווּ לײַפּציקער איז מיטבאַטייליקט ביז 1928 אַלס אָוונט־רעזשיסאָר. אין 1929 אַריבער אַלס בינע־פאַרוואַלטער אין אַלאוקראַיִנישן מלוכה־טעאַטער „געזקולט", וווּ ער אַרבעט ביז 1930, שפּעטער געאַרבעט אין קיִעווער קינאָ־פאַבריק, וווּ ער גייט דורך אַ 6 חדשימדיקן קורס אין דער קינאָ־לאַבאָראַטאָריע, אין 1931 געאַרבעט 8 חדשים אַלס בינע דירעקטאָר אין „ערשטן אַלפאַרבאַנדישן פּוילישן טעאַטער" אין קיִעוו, דערנאָך געאַרבעט אָרגאַניזאַציאָנעל און אַדמיניסטראַטיוו אין „פּעדאַגאָגישן יִדיש־אוקראַיִנישן מלוכה־טעאַטער פאַר קינדער" אין קיִעוו, וואָס האָט באַדינט די ראַטנשולן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, יִדישע טעכניקומס, פּראָפשולן אד"ג.

לײַפּציקער האָט אויך אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיט דראַמאַרבעט אין יִדישע אַרבעטער־קלובן אין אוקראַיִנע און האָט זיך באַטייליקט אין אייניקע רוסישע פילמען. לײַפּציקער איז אַ מיטגרינדער און אַקטיווער זאַמלער פאַר דער טעאַטער־אָפּטיילונג בײַם „מענדעלע מוזיי" אין אָדעס. ער איז אויך אַ מיטאַרבעטער אין דער יִדישער טעאַטער־אָפּטיילונג פון דער „אַלאוקראַיִנישער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע".

## לילית אַליאַ — לאַלאַ צעדערבוים

געבוירן דעם 16טן נאָוועמבער 1906 אין ווארשע. דער פאָטער — אַ הויז־באַזיצער. שטאַמט אָפּ פון ר' עקיבא אייגער און איז אַ קרוב פון אַלעקסאַנדער צעדערבוים, רעדאַקטאָר פון „המליץ". געענדיקט די פילאָלאָגישע גימנאַזיע פון פּויזנער אין ווארשע. געווען אַ מיטגליד אין די אַרטיסטישע קאָמיסיעס אין דער גימנאַזיע און זיך באַטייליקט אין די פאָרשטעלונגען און געזאַנג־ראָלן, זיך אַליין אַקאָמפּאַנירנדיק. שפּעטער זיך באַטייליקט אין די פאָרשטעלונגען פון „מכבי" און „ספּאָרט־יוגנט". שפּעטער געשפּילט אין „קווי פּראָ קוואָ", אַרויסטרעטנדיק אין סאָלאָס און דועטן מיט האַנוש און מאַכעווסקי. אין 1926 אָנגעהויבן שפּילן אונטערן נאָמען „אַליאַ לילית" אין דער יִדישער קליינקונסט־בינע „אַזאַזעל", פון וועלכער זי איז געווען אַ מיטגרינדערין. געמאַכט אַ טורנעע איבער די גרעסערע שטעט פון פּוילן, ווידער אין ווארשע, אַרויסטרעטנדיק מיט זעלבסטשטענדיקע קאָנצערטן מיט וולאַדיסלאַוו גאַדיק. נאָך דעם געמאַכט אַ טור איבער מערב־אייראָפּע — טשעכאָסלאָוואַקיע, עסטרײַך, פראַנקרײַך, בעלגיע, האָלאַנד און ענגלאַנד. אין 1931 געקומען אין נ' אַמעריקע, געשפּילט אין טעאַטער, ווידער זיך אומגעקערט צו אירע קליינקונסט־קאָנצערטן אויף דער יִדישע בינע, ווערט אָבער אַנגאַזשירט אַלס קאָנצערטיסטין אין דער ענגלישער שפּראַך אין ענגלישן וואָדעוויל צירקל רק"אָ. פאָרט דערנאָך אָפּ קיין אייראָפּע צו גאַסטראָלירן אויף דער יִדישער בינע.

## לינדענפעלד שלמה

געבוירן דעם 30טן אָקטאָבער 1878 אין ווארשע. דער פאָטער — אַן אַדמיניסטראַטאָר פון הײַזער. געלערנט אין חדר און אין אַ רוסישער האַנדלס־שול, געזונגען בײַ אַ בעל־תפילה און שפּעטער אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין שעדלעץ אין כאָר פון זשעלאַזאָס טרופּע, וווּ ער באַקומט צו שפּילן קליינע ראָלן. דערנאָך צוליבן פאַרבאָט צו שפּילן יִדיש, געווען געצוווּנגען צו גיין אַלס זינגער אויף חתונות און פאַרווײַלונגען. אָנגעקומען אין ווארשע — צוזאַמען מיט זשעלאַזאָ און אַנדערע — איז ער ווידער געווען בדחן אויף חתונות, שפּילט אויך טעאַטער אַלס כאַראַקטער־ראָליסט אין בערנשטיינס טרופּע, קומט צוריק קיין ווארשע און טרעט אַרײַן צו ראַפּאַעלן. פאָרט קיין פּאַריז, אין 1913 שפּילט ער אין לאָדזש, 1914—1917 שפּילט ער אין ווארשע, אין וואָדעוויל „ווענוס". מאַכט אַ טורנעע ביאַליסטאָק, פּאָלטאַווע א"אַ. קומט צוריק קיין ווארשע, ווערט אַ בדחן און פאַרווײַלער אויף שימחות. גיט אַרויס אין דרוק אַ סך פון זײַנע אייגענע לידער, מאַכט פאָנאָגראַף־פּלאַטן מיט זײַנע לידער און קופּלעטן.

## מאַנדעלבליט יעקב

געבוירן דעם 25טן מאַרץ 1904 אין ווארשע, בײַ אָרעמע עלטערן. געלערנט אין חדר און אין אַ יִדיש־פּוילישער שול אין לובלין. אָנגערעגט דורכן פאָטער — אַן אָפּטער טעאַטער־באַזוכער און אַ מיטגליד אין דראַמאַטישע קרײַזן — האָט מאַנדעלבליט אין עלטער פון 15 יאָר, געגרינדעט אַ קינדער־טרופּע, וועלכע האָט יעדן שבת נאָכמיטאָג אין אַ חתונה־זאַל נאָכגעשפּילט פאַר קינדער דעם רעפּערטואַר, וועלכע זיי האָבן געזען אין טעאַטער אָדער אין דראַמקרײַזן. אַן אונטערנעמער נעמט באַלד אַריבער די קינדער־טרופּע צו שפּילן אין אַ טעאַטער און קורץ נאָך דעם פאָרט אַרום די טרופּע איבער דער פּראָווינץ.

אין עלטער פון 15 יאָר, איז ער שיק־יינגל בײַ דער יִדישער טרופּע פון הערשקאָוויטש, וווּ ער ווערט אַ יאָר שפּעטער סצענאַריוס, דערנאָך סופלער און לסוף רעזשיסאָר, באַקומענדיק פון צײַט צו צײַט קלענערע ראָלן. אין 1923 טרעט ער אַרײַן אין דער טרופּע פון טורקאָוו־קאַמינסקי, שפּילט מיט זיי אין ווילנע און שפּעטער אין ווארשעווער „צענטראַל"־טעאַטער, פאָרט דערנאָך אַרום מיטן ווארשעווער יִדישן קונסט־טעאַטער „וויקט" איבער פּוילן און רומעניע, גייט פון דאָרט איבער אין דער ווילנער טרופּע, דערנאָך געשפּילט אין ריגע, און שפּעטער אין ווארשעווער יִדישן דראַמאַטישן טעאַטער אונטער דער אָנפירונג פון זײַכערטן. מאַנדעלבליט האָט זיך באַטייליקט אין די פילמען „תקיעת כף" און „ל"ו". ער האָט אָנגעשריבן צוויי פּיעסעס: „דעם נאַרס לײדן" און „גלײַכע רעכט".

די נאַצי־אינוואַזיע האָט מאַנדעלבליטן מיט זײַן משפּחה פאַרכאַפּט אין לעמבערג, וווּ זיי האָבן געשפּילט יִדיש טעאַטער. בעת די שחיטה־אַקציעס האָט מאַנדעלבליט צוזאַמען מיט אַנדערע געגרינדעט באַוואָפנטע ווידערשטאַנד־גרופּן, און מיט געווער געקעמפט קעגן די נאַציס ביזן יאָר 1943, ווען ער איז אַלס איינער פון די לעצטע, אומגעקומען אַדורכגעלעכערטער פון נאַצי־קוילן אין אַ קאַנאַליזאַציע־קאַנאַל.

## מאַנדעלטאָרט לעאָן

געבוירן אין יאָר 1860 אין ווארשע, בײַ אַ באַלעבאַטישער פאַמיליע. צוליב מיליטער־דינסט אוועק קיין לעמבערג און דאָרט זיך אָנגעהויבן צו באַטייליקן אין די פאָרשטעלונגען פון די בראָדער זינגער. געקומען אין ניו־יאָרק און נעמט איבער אַ קליין טעאַטערל, אָרגאַניזירט דאָרט אַ טרופּע, וועלכע פירט אויף גאָלדפאַדענס פּיעסעס און ער אַליין שפּילט די כאַראַקטער קאָמישע ראָלן. 6 יאָר שפּעטער פאָרט ער מיט אַ חברים־טרופּע קיין דרום־אַמעריקע, אַנ־

געזשירט דורכן דאָרטיקן טעאַטער־סינדיקאַט, זיי שפּילן דאָרט על פּי רוב גאָלדפאַדענס פּיעסעס. מאַנדעלטאָרט איז אָבער קראַנק געוואָרן און אָפּגעפאָרן קיין ווין, וווּ ער איז אָפּערירט געוואָרן אויפן מאָגן, און איז דאָרט דעם 15טן מײַ 1899 געשטאָרבן.

## מאַקסימאָוו מ. (מלך־מאַקס פּאָקאָי)

געבוירן אין יאָר 1893 אין ווארשע. דער פאָטער א באַזיצער פון א שאַכטל־פאַבריק. ביז צו 15 יאָר געלערנט אין חדר, געזונגען בײַ די חזנים סיראָטאַ, מענדעלעוויטש, פאָגעלנעסט א״א. געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער אין א לעדער־געשעפט. נאָכן זען די ערשטע יידישע פאָרשטעלונגען, באַשלאָסן נאָכצומאַכן די אַקטיאָרן. פּאָקאָי נעמט דאַן צונויף חברים און „שפּילט" מיט זיי טעאַטער בײַ זיך אין שטוב און אין די שטיבער פון די שכנים. אין 1910 ווערט ער א פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר אין לערמאַנקעס טרופּע אין מינסק. אין 1915—1916 איז ער פּאָפּולער אַלס קופּלעטן־זינגער אין ווארשע. איז איינער פון די גרינדערס פון „אונדזער טעאַטער" אין ווילנע.

## מידע אַדאָלף

געבוירן דעם 17טן אָקטאָבער 1894 אין ווארשע, בײַ עלטערן־פאַרמעגלעכע סוחרים. ביז 12 יאָר געלערנט אין שול און בײַ א גמרא־מלמד. באַקענט זיך מיט ליבהאָבערס און וואַנדערט מיט זיי אַרום איבער דער פּראָווינץ. אין 1912 ווערט ער א פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר, נעמט אָנטייל אין פאַרשידענע טרופּעס אין ווארשע און איבער דער פּראָווינץ. אין 1922 קומט ער קיין אַרגענטינע, וווּ ער גרינדעט דעם ערשטן יידישן אַקטיאָרן־פאַריין פון וועלכן ער ווערט סעקרעטאַר, ווערט א טעאַטער־אונטערנעמער, ברענגט אַראָפּ א ריי „סטאַרן" פון נ׳ אַמעריקע און אייראָפּע, צווישן זיי מאָריס שוואַרץ, מאַלווינאַ לאָבעל, באָריס אַווערבוך, יצחק דײַטש, מאָרעווסקי, סאַמבערג, סאַקאָלאָוו א״א. מידע וווינט ביז הײַנט אין בוענאָס־איירעס, וווּ ער האָט פאַרעפנטלעכט א באַנד מעמוארן.

## מילנער מאַרקאָ (מאַרעק)

געבוירן בערך אין 1884. אין 1904, בעת די יידישע בינע אין פּוילן איז געווען פאַרפּלייצט מיט שונד, האָט א גרופּע יונגעלײַט באַשלאָסן צו גרינדן א ליטעראַריש־אַרטיסטישן קרײַז, וואָס זאָל געבן דעם אינטעליגענטן צוקוקער די מעגלעכקייט צו זען די אויפפירונג פון א לײַטישער פּיעסע. אין צענטער פון דעם קרײַז איז געשטאַנען מילנער.

דער קרײַז האָט אָנגעהויבן זײַן אַרבעט אין א פּריוואַטער שטוב אויף קופּיעצקע־גאַס, און שפּעטער אַריבער אין א טאַנץ־שול אויף גזשיבאָווסקע, ביז ער האָט געפונען זײַן מקום־מקלט אין נײַ געגרינדעטן „הזמיר". אַרום „מילנערס קרײַז", וווּ מען האָט אים גערופן, האָט זיך גרופּירט די יידישע אינטעליגענטע יוגנט, און אַפילו יידישע שילער פון די פּוילישע דראַמאַטישע שולן זענען אַרײַנגעטרעטן אַלס מיטגלידערס. צווישן די דאָזיקע שילערס זענען געווען די שפּעטערדיקע אַקטיאָרן מאַרק שווײַד, שרה פּיביך, זיגמונט טורקאָוו א״א. אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז מילנער אַוועק קיין רוסלאַנד, וווּ ער ווערט א פּראָפעסיאָנילער אַקטיאָר אין כאַרקאָווער „אונדזער ווינקל", אָנפירנדיק גלײַכצײַטיק מיט דראַמקרײַזן. צוריקגעקומען אין פּוילן האָט ער געאַרבעט אין פּראָפעסיאָנעלע טרופּעס און אין 1921 איז ער געווען אין דער אָנפירערשאַפט פון „באַוועגלעך יידיש־דראַמאַטישן טעאַטער" פאַר דער פּוילישער פּראָווינץ. מילנער איז אַוועק פונעם טעאַטער, ווײַל ער האָט זיך נישט געקענט בויגן, אונטערוואַרפן, ווײַל ער איז געווען א צו שטאַרקע פּערזענלעכקייט. מאַרקאָ מילנער איז געשטאָרבן אין ווארשע.

## מעלניק נחום

געבוירן אין בענדין. דער פאָטער א סוחר און גלײַכצײַטיק א העברעיִשער לערער. ביז 14 יאָר געלערנט אין ישיבה און פּריוואַט וועלטלעכע למודים. אין 1923 אַרײַנגעטראָטן אין דער וואַרשעווער יידישער דראַמאַטישער שול פון ד״ר וויכערט און אין 1925 דעביוטירט מיט דער שול אין פּרצעס „בײַ נאַכט אויפן אַלטן מאַרק". אין ענדע פונעם זעלבן יאָר אַרײַנגעטראָטן אין „אַזאַזל". אין 1928 געשפּילט אין קראָקעווער יידישן טעאַטער, דערנאָך מיט זיגמונט טורקאָוו און אידאַ קאַמינסקאַ אין ווארשע און איבער פּוילן. שפּעטער אַרײַנגעטראָטן אין דער „ווילנער טרופּע". נאָך דעם געקומען קיין בוענאָס־אײַרעס, געוואָרן רעזשיסער און מיטשפּילער אין „איפּט", אַרויסגעטראָטן מיט ליטעראַריש־קינסטלערישע קליינקונסט־נומערן צוזאַמען מיט זײַן פרוי דבורה ראָזנבלום. אַוועקגעפאָרן קיין נ׳ אַמעריקע, וווּ ער שפּילט איבער דער פּראָווינץ.

## מענעס יעלענאַ

געבוירן דעם 27טן אויגוסט 1905 אין ווארשע. דער פאָטער, ברודער און פעטער — מאָלערס. אין 1914 פאָרט די פאַמיליע אַריבער קיין כאַרקאָוו, וווּ מענעס טרעט אַרײַן אין גימנאַזיע. צו 10 יאָר טרעט זי אַרײַן אין כאַרקאָווער טאַנצשול, וווּ זי האָט געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט. פון 1916—1920 געאַרבעט אין כאַרקאָווער פאָלקסהויז, זיך באַטייליקט אין כאַרקאָווער מלוכה־אָפּערע אַלס סאָליסטין פון באַלעט און רעזשירט באַלעטן אין פאַרשידענע טעאַטערס. אין 1925 געוואָרן כעאָגראַפישער רעזשיסער און באַלעט טענצערין אין מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער. זיך אויך באַטייליקט אין פאַרשידענע מוזיקאַליש־דראַמאַטישע און כאָרעאָגראַפישע אינסטיטוציעס.

## נאַראָוויד מאָריץ (טרעפּלער)

געבוירן דעם 4טן יולי 1895 אין ווארשע, בײַ פאַרמעגלעכע עלטערן־סוחרים. באַקומען אַן אַסימילאַטאָרישע דערציִונג, געענדיקט די רוסישע רעאַלשול אין ווארשע. נאָך אין דער שול האָט נאַראָוויד זיך אויסגעצייכנט אַלס ראָליסט און אויפפירער פון די אָפטע שילער־פאָרשטעלונגען אין רוסיש און פּויליש, פאַר וועלכע ער האָט סצעניזירט מעשיות פון „טויזנט און איין נאַכט". נאָכן ענדיקן די רעאַלשול אַרײַנגעטראָטן אויפן פּוילישן דראַמאַטישן קורס בײַ דער מוזיקאַלישער געזעלשאַפט אין ווארשע, וועלכן ער ענדיקט אין 1914 און מוז צוליב דער אויסגעבראָכענער מלחמה איבעררײַסן די פּראַקטישע אַרבעט. דורך דער רעקאָמענדאַציע פון זיגמונט טורקאָוו טרעט ער אַרײַן אין דוויד הערמאַנס יידישער דראַמאַטישער סטודיע בײַם „הזמיר", וווּ ער דעביוטירט אין פּרצעס „עס ברענט". פרעמד פון דער יידישער שפּראַך, פלעגט ער זײַנע ערשטע ראָלן לערנען אין לאַטייניש אותיות, וואָס האָט אים אָבער נישט באַפרײַט פון זײַן אָפּגעפרעמדטן דיאַלעקט אין יידיש. שפּילנדיק מיט הערמאַנען אין דוויד פּינסקיס „פאַמיליע צבי", יעזשי זשולאַווסקיס „ליטעראַטין און שושפּילערין", אין פּרץ הירשביינס „די נבלה". נאָך דעם איז ער אַרײַנגעטראָטן אין דער פּוילישער טעאַטראַלער אַקאַדעמיע צו פאַרפולקומען זײַן טעאַטער־בילדונג און גלײַכצײַטיק נעמט ער לעקציעס אויף יידיש בײַ דוויד הער־

מאַן. ער טרעט אַרײַן אין דער ווילנער טרופּע און פירט אָן מיט דער דראַמאַטישער אַרבעט אין פאַרשידענע אַרבעטער־קלובן אין וואַרשע. דערנאָך פאַרלאָזט ער פּוילן און פאָרט אָפּ קיין ראַטן־פאַרבאַנד, וווּ ער טרעט אַרײַן אין „מאָסקווער יִדישן מלוכה־טעאַטער“ און שפּילט דאָרט ביז 1925, אַרבעטנדיק גלײַכצײַטיק אַלס רעזשיסער־לאַבאָראַנט בײַ די פּיעסעס „די כּשוף־מאַכערן“ פון גאָלדפאַדען, „דער גט“ און „צוויי הונדערט טויזנט“ פון שלום עליכם. סוף 1925 ווערט ער פאַרבעטן קיין מינסק אַלס אָנפירער מיטן דראַמקרײַז בײַם צענטראַלן יִדישן אַרבעטער־קלוב אויפן נאָמען פון לענין, וווּ ער פירט אויף אינסצעניזירונגען פון שלום עליכמס „מענטשן“ און „אַמעריקאַנער געטער“ לויט לוי סינקלער. אין 1926 ווערט ער פאַרבעטן קיין אָדעס, וווּ ער שאַפט אַ טעאַטער־סטודיע אַלס אָפּטייל בײַם אַלגעמיינעם מוזיקאַליש־דראַמאַטישן אינסטיטוט. אין 1928 איז ער אַרײַנגעטראָטן אין „מלוכישן יִדישן טעאַטער אין אוקראַיִנע“, צוזאַמען מיט זײַן אָדעסער סטודיע. אין 1931 איז נאַרוויד באַשטימט געוואָרן פון פאָלקאָמבילד פון אוקראַיִנע אַלס קינסטלערישער אָנפירער און הויפּט־רעזשיסאָר פון דאָזיקן טעאַטער. נאַרוויד האָט אָרגאַניזירט בײַם טעאַטער אַ טעאַטער־סעמינאַר צו אַנטוויקלען די יונגטלעכע אַקטיאָרן, האָט געגרינדעט אַ דיסקוסיע־קלוב, וווּ עס ווערן באַהאַנדלט די קינסטלערישע פּראָגעס, וואָס זענען שײַך יעדער אויפפירונג און האָט געשאַפן בײַם טעאַטער אַ רעזשיסאָרן־שטאַב פון אייגענעם טעאַטער־אַנסאַמבל. נאַרוויד האָט פאַרעפנטלעכט פיל אַרטיקלען וועגן טעאַטער אין פאַרשיידענע ראַטן־פאַרבאַנדישע צײַטונגען און זשורנאַלן.

## נאַרפּלוס יוסף

גענבוירן אין 1894 אין וואַרשע. אין עלטער פון 12 יאָר אָנגעהויבן צו שפּילן אין די דעמאָלטיקע קינדער־טרופּעס אין וואַרשע און 3 יאָר שפּעטער אַרומגעפאָרן מיט וואַנדער־טרופּעס אַלס קאָמיקער. אין 1914, בעתן פאַרבאָט אין וואַרשע צו שפּילן טעאַטער, האָט ער זיך באַטייליקט אין די יִדישע פאָרשטעלונגען אויף פּויליש אין די טאַנצזאַלן. ווען אויך די פאָרשטעלונגען ווערן פאַרבאָטן, פאָרט ער קיין רוסלאַנד, וווּ ער שפּילט ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. נאָך דעם קומט ער צוריק קיין פּוילן און טרעט אַרײַן אין וואַרשעווער טעאַטער „ווענוס“ און דערנאָך אין „צענטראַל“. אין 1929 קומט ער קיין אַרגענטינע, וווּ ער פירט אויף דעם „דיבוק“ און נאָך אייניקע פּיעסעס פון בעסערן רעפּערטואַר און העלפט אויך מיט צו גרינדן דעם יִדישן אַרטיסטן־פאַראײַן. נאָך אַ סכסוך, וועלכער פירט צו זײַן אַרעסט, פאַרלאָזט ער אַרגענטינע און פאָרט קיין צפון־אַמעריקע.

## סלאָנימסקי — שטערן

טאָכטער פון באַוווּסטן מאַטעמאַטיקער אַברהם שטערן פון וואַרשע, פרוי פון חיים זעליק סלאָנימסקי, וועלכער איז אין 1892 אָנגענומען געוואָרן אַלס אינספּעקטאָר פון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול, אויפן אָרט פונעם פאַרשטאָרבענעם יעקב אייכענבוים.

„אַ זייער געבילדעטע דאַמע, בטבע אַן אַסימילאַטאָרן, האָט זי אָבער — שרײַבט י. מ. פּאַפּיערנאָ — מיטגעבראַכט פון וואַרשע, ווי אַ קוריאָז, די יִדישע דראַמע „שׂרהקע“ (סערקעלע“) פון ד"ר עטינגער פון זאַמאָשטש. די דראַמע איז איר זייער געפעלן געוואָרן. זי פלעגט ליב האָבן זי פאָרצולייענען פאַר באַקאַנטע. דעם זעלבן ווינטער איז איר אײַנגעפאַלן צו מאַכען אַ ספּעקטאַקל, וווּ די דראַמע זאָל געשפּילט ווערן דורך די תּלמידים פון דער ראַבינער־שול. דער פּלאַן פאָרצושטעלן אויף יִדיש אַ דראַמע האָט אויסגעזען ווילד בײַ דער זשיטאָמירער אינטעליגענץ, אָבער מאַדאַם סלאָנימסקי איז פעסט באַשטאַנען דערויף דורכצופירן איר פּלאַן, אפשר האָט זי אַליין געקוקט אויף דעם ווי אויף אַ קוריאָז, נאָר דאָך האָט זי זיך דערפאַר גענומען מיט גרויס ענערגיע. זי האָט פונאַנדערגעטיילט די ראָלן, אָרגאַניזירט, רעפּעטירט, געזאָרגט פאַר פּאַסנדיקע דעקאָראַציעס און דער ספּעקטאַקל איז צושטאַנד געקומען אין קעגנוואַרט פון די לערערס פון דער ראַבינער־שול און פון דער איבעריקער זשיטאָמירער אינטעליגענץ. דער ספּעקטאַקל האָט געמאַכט אַ פוראָר. די שילערס האָבן זייערע ראָלן גוט געשפּילט. נאָר מער פאַר אַלעמען האָט זיך אויסגעצייכנט גאָלדפאַדען, וואָס האָט געשפּילט די שווערסטע ראָלע — אַלס „סערקעלע“.

## סאַמבערג א. (יצחק אייזיק סאַמבאָרעק)

געבוירן דעם 22טן פעברואַר 1889 אין וואַרשע, אין אַ בעל־הביתישער פאַמיליע. דורך זײַן פאָטערס קוזין, דעם אַקטיאָר און טעאַטער דירעקטאָר אברהם יצחק קאַמינסקי, איז ער אַרײַנגעפירט געוואָרן אין יִדישן טעאַטער, וווּ ער דעביוטירט אין 1907 אין וואַרשעווער „זשאַרדן ד'היווער“. זינט דעמאָלט בלײַבט סאַמבערג אַ לענגערע צײַט שפּילן דראַמאַטישע ראָלן, דערנאָך גייט ער איבער צו דער אָפּערעטע. זינט 1920 האָט ער פאַרוואָרפן דעם שונד־רעפּערטואַר און געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון וואַרשעווער „צענטראַל“ טעאַטער, וווּ ער באַטייליקט זיך און פירט אויף דעם ריינעם יִדישן און אייראָפּעיִשן רעפּערטואַר, צוציִענדיק אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט מצד דער פּרעסע און טעאַטער עולם אין דער טיטלראָל פון שלום אַשס „מאָטקע גנב“ און פון גאָגאָלס „רעוויזאָר“. אין 1923 איז ער אַרײַנגעטראָטן אין דער „ווילנער טרופּע“ מיט וועלכע ער מאַכט מיט דעם טורנע איבער רומעניע, וווּ ער פירט אויף „דאָס גרויסע געווינס“ פון שלום עליכם בערגערס „מבול“ און מאָליערס „דער קאַרגער“. אין 1928 קומט ער צוריק מיט דער „ווילנער טרופּע“ קיין וואַרשע און טרעט אויף אונטער דער רעזשי פון מיכל ווײַכערט אין שלום אַשס „קידוש השם“, אין פּרצס „בײַ נאַכט אויפן אַלטן מאַרק“ און אין שעקספּירס „שיילאָק“.

אין 1923 קומט סאַמבערג אין אַרגענטינע טרעט אויף אין מײַן „אָלימפּאָ“ טעאַטער אַלס „מאָטקע גנב“ פירט אויף „דעם קאַרגן“, „גאָט פון נקמה“, „טאָג און נאַכט“, „דאָס גרויסע געווינס“, „שיילאָק“, „דער רעוויזאָר“, „קידוש השם“, „אונטערוועלט“. פאָרט דערנאָך איבער די יִדישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע און פון דאָרט קיין אורוגווײַ און בראַזיל. סאַמבערגס גאַסטראָלן אין בועַנאָס־אײַרעס זענען אומפאַרגעסלעך פאַרן יִדישן טעאַטער באַזוכער. צוריקקומענדיק אין וואַרשע, וווּ ער פירט אויף פּאָול לינדויס „פּראָקוראַטאָר האַלערס“, גאַסטראָלירט ער דערנאָך אין ריגער יִדישן מעוטים־טעאַטער און אין 1929 טרעט ער אַרײַן אין וואַרשעווער טעאַטער „נאָוואָשטשי“ וווּ ער שפּילט אַלס „ראָבעספּיער“ אין ווײַכערטס אויפפירונג פון „דאַנטאָנס טויט“, אין 1930 טרעט ער אַרײַן אין „וויליט“ וווּ ער טרעט אַרויס אין קאַמינסקיס טעאַטער אין ד. בערגעלסאָנס „דער טויבער“. אין 1932 איז ער אָפּגעפאָרן קיין נ' אַמעריקע וווּ ער האָט אויפגעפירט „דעם קאַרגן“, „דעם טויבן“, און אין יִדישן קונסט טעאַטער „מאָטקע גנב“. סאַמבערג האָט זיך אַלס איינציקער יִדישער אַקטיאָר באַטייליקט אין פּוילישן פילם „פּאַן טאַדעוש“ פון מיצקעוויטש, שפּילנדיק די ראָל פון „יאַנקל צימבאַליסט“.

בעת דער נאַצי אָקופּאַציע, האָט זיך סאַמבערג געפונען אין וואַרשע, וווּ ער איז ווי אַ העלד און קדוש אומגעקומען אַלס אומקאָמפּראָמיסלעכער קעמפער פאַר דער יִדישער ווערדע.

## סעגאַלאָוויטש קלאַראַ (באָראָדינאָ)

געבוירן אין יאָר 1896 אין קיִעוו. דער פֿאָטער — אַ דאָקטאָר. קלאַראַ האָט געענדיקט גימנאַזיע אין טאַשקענט און באַזוכט פּעדאַגאָגישע קורסן. אין 1913 באַזעצט זיך די פֿאַמיליע אין טאָמאַשאָוו, וווּ קלאַראַ באַטייליקט זיך אין די פֿאָרשטעלונגען פֿונעם דראַמאַטישן קרײַז בײַם דאָרטיקן „הזמיר". אין 1922 איז זי געקומען קיין וואַרשע, וווּ זי ווערט באַלד אָנגענומען אין „צענטראַל" טעאַטער און זי טרעט דאָרט אַרויס אין די הויפּט־פֿרויען־ראָלן פֿון אַשס „מאָטקע גנבֿ" אַלס מערי — גאָגאָלס „רעוויזאָר", אָפּאַטאָשוס „היים בלוט" א"א. נאָכן פֿונאַנדערפֿאַלן פֿון „צענטראַל" טעאַטער, טרעט קלאַראַ אַרײַן אין אַנדערע דראַמאַטישע טרופּעס און שפּילנדיק מיט א. מאָרעווסקי, ברענגט זי אַרויס די ראָל פֿון „נחמהלע" אין א. קאַציזנעס „דוכוס" ווי אַן אמתע קרעאַציע. אין 1928־1930 פֿאָרט זי אַרויס אין רומעניע, אונגאַרן און טשעכאָסלאָוואַקיע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַלעקס שטיין. אין 1931 שפּילט זי אין „וניט" אין וואַרשע, אין בערגעלסאָנס „דער טויבער", אין באַבעלס „בעני קעניג", גאָלדפֿאַדענס „קוני לעמל". אין 1932 שפּילט זי אין וואַרשעווער „עליזעאום" אונטער מיכל ווײַכערטס אָנפֿירונג אין אַשס „רעווערענד זילבער", גאָטעספֿעלדס „פּרנסה" און אין לייוויקס „בעטלער". נאָך דעם איז זי אַרויסגעפֿאָרן איבער דער פּוילישער פּראָווינץ.

בעת דעם נאַצי־טעראָר איז זי געווען אין וואַרשע, פֿון וואַנעז זי איז אַוועקגעשלעפּט געוואָרן אין די קאַלכאַוויוונס.

## סענדיק איסר

געבוירן בערך אין 1871 אין וואַרשע, איידעם פֿון בונעם בדחן, געווען אַ פֿאָלקסזינגער און אין 1892 זיך באַטייליקט אין וואַרשע אין אַ טעאַטער אויפֿפֿירונג פֿון „יוסף מיט זײַנע ברידער". אַלס חבר פֿון א. י. קאַמינסקי, איז ער פֿונעם לעצטן אַרײַנגענומען געוואָרן אין זײַן טרופּע, וווּ ער האָט געשפּילט אַ קורצע צײַט און שפּעטער ווידער געוואָרן אַ פֿאָלקסזינגער. אויף דער עלטער געגאַנגען אויף חתונות און בריתן אין וואַרשע.

## עפּשטיין פֿאַני וואַדיאַ

געבוירן אין יאָר 1868 אין וואַרשע. דער פֿאָטער — אַ שנײַדער. יונג געקומען מיט דער פֿאַמיליע קיין לאָנדאָן. אין 1885 טרעט זי אַרײַן אין סמיטס טעאַטער אַלס כאָריסטין.

וועגן איר פּריוואַטן לעבן ווערן דערציילט פֿאַנטאַסטישע עפּיזאָדן. דהיינו אַז אַ ווײַסער שקלאַפֿן־הענדלער האָט זי געבראַכט פֿון פּאַריז קיין באָמבײַ, אינדיע, און פֿון דאָרט האָט איר צוריקגעבראַכט קיין לאָנדאָן דער ענגלישער גובערנאַטאָר וואַדיאַ, וועלכער זאָל אפֿילו האָבן מיט איר חתונה געהאַט. שפּעטער האָט זי געעפֿנט אַ געשעפֿט פֿון דאַמען־קליידער און דורך זיגמונט פֿײַנמאַן צוריקגעקומען צו דער בינע, און איז מיט אים געפֿאָרן שפּילן ייִדיש טעאַטער אין דרום אַפֿריקע און אין 1909 אין בוענאָס־אײַרעס.

פּ. וואַלד שילדערט די דעמאָלטיקע פֿאַרהעלטענישן בײַם ייִדישן טעאַטער אין בוענאָס־אײַרעס אין צוזאַמענהאַנג מיט עפּשטיינס שפּילן.

„פֿאַני עפּשטיין האָט געשפּילט „מרים" וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס טרויעריקע לעבן אין „פֿריילעכן הײַזל". די „חברה־לײַט" האָבן נישט געוואָלט אויסזיצן די דראַמע און האָבן אָנגעהויבן אַ גערודער, דערמאָלט האָט אויסגעבראָכן דער ערשטער קאַמף מיט די פֿרויען־הענדלער. דער קאַמף האָט אַ צײַט אָנגעהאַלטן אין שטאָט. מען האָט זיך געשלאָגן אין די גאַסן און אויף די פּלאַסעס. עס זענען געקליבן געוואָרן אונטערשריפֿטן צו פֿאָדערן פֿונעם פּאַרלאַמענט די סאַנקציע פֿון פּאַלאַסיאָס אַנטי־פֿרויען־הענדלער־פּראָיעקט, עס זענען פֿון יוגנט־פֿאַראיין אָפּגעדרוקט געוואָרן פּלאַקאַטן פֿונאַנדערצוהענגען אויף אַלע הײַזער מיט דער אויפֿשריפֿט. אַז „דאָ ווערט נישט פֿאַרדונגען פֿאַר פֿרויען־הענדלער". און כאָטש די דאָזיקע פּלאַקאַטן זענען געבליבן ליגן אין לאָקאַל פֿון „יוגנט־פֿאַראיין" און דער גאַסנקאַמף מיטן „ייִחוס" האָט זיך געענדיקט „אָן זיגער און אָן באַזיגטע", איז דאָך דער טעאַטער געבליבן ריין פֿון זייער געביין. דער טעאַטער־גייער — אַ קולטורעל־דערהויבענער אַרבעטער — האָט זיך נישט געוואָלט אָפּשטעלן אויף דער גאָרדין „בריק" צווישן דער אַלטער אָפּערעטע און מאָדערנער דראַמע. ער האָט דאָך צוליב פֿאַני עפּשטיין גערן געזען „די קרײַצער סאָנאַטע", „מירעלע אפֿרת", „סאַפֿאָ", „מעדעאַ", און האָט אַריבערגעיאָגט אויף דער אַנדערער זײַט בריק צו הירשביין, אַש, פּינסקי, איבסען, מירבאָ. דער דאָזיקער שפּאַן איז געמאַכט געוואָרן אַזוי שנעל, אַז דער אַנסאַמבל האָט אים נישט געקענט נאָכגאַלאָפּירן, נאָר פֿאַני עפּשטיין האָט וווּנדערבאַר, לײַכט, קרעפֿטיק און גראַציעז זיך דורכגעטראָגן פֿאָרויס און באַגײַסטערט דורך אירע אויפֿטריטן אין נײַעסטן רעפּערטואַר. פֿאַני עפּשטיין האָט אַליין נישט געקענט לייענען און שרײַבן אויף ייִדיש און נישט אויף קיין אַנדערע שפּראַך, פֿון די שפּראַכן וואָס זי האָט אַזוי פּערפֿעקט און חנעוודיק גערעדט. איר צימער איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין חסידים־שטיבל פֿון אַרטיסטן־„ליבהאָבער" און קולטור־טוער, און דאָך האָט זי זיך געפֿילט עלנט, אײַנזאַם און האָט אין מינוטן שטילע, אינזיכיקע, האַרציק געוויינט".

פֿון בוענאָס־אײַרעס איז זי געפֿאָרן קיין לאָנדאָן, פּאַריז און דערנאָך — אין 1910 איז זי געקומען קיין וואַרשע. דאָ האָט איר שפּילן אַרויסגערופֿן פֿאַרשידענע מיינונגען. זי איז געלויבט געוואָרן פֿון ד"ר מוקדוני, נח פּרילוצקי און זלמן זילבערצווײַג און אַראָפּגעריסן געוואָרן פֿון דוויד פֿרישמאַן.

דעם 3טן פֿעברואַר 1913 איז פֿאַני וואַדיאַ עפּשטיין געשטאָרבן אין וואַרשע אין אַ קעלערשטיבל פֿון אירם אַן אָרעמען פֿעטער און דעם 26טן יוני 1913 האָט איטשעלע איסאַקסאָן פֿון „חסד של אמת" איר געשטעלט אַ מצבה.

## עהרליך זיגמונט

געבוירן אין 1875 אין וואַרשע. דער פֿאָטער — אַ רעגירונגס־ליוועראַנט. געלערנט אין חדר, בית־מדרש און אין ישיבה. אַלס קינד געזונגען אין כאָר אין פּראַגע און דערנאָך בײַם חזן פֿאָגעלנעסט אין וואַרשע. דערנאָך געזונגען אין טעאַטער־כאָר און אויך אַרײַנגענומען געוואָרן פֿאַר קלײנע ראָלן צו דער ספּיוואַקאָווסקי־פּישזאָן טרופּע. ער איז אַוועק קיין רוסלאַנד, פֿון וואַנען דער פֿאָטער ברענגט אים צוריק, און שיקט אים צוריק אין בית־מדרש. פֿון מיליטערדינסט אַנטלויפֿט ער קיין אויסלאַנד וווּ ער טרעט אין קראָקע אַרײַן אין אַ ייִדישער טרופּע, וווּ ער שפּילט אין פֿאַרשידענע טעאַטערס, שפּילט אין אַ דײַטשער וואַריעטע, ווערט אַ שותּף, אין רומעניע שפּילט ער איז אַ קאַפּעהויז, נאָך דעם אין פּאַריז, לאָנדאָן, קאַלסבאַרד אין וואַריעטע, פּרובירט ווידער אין לאָנדאָן צו שפּילן ייִדיש־טעאַטער, גיט קאָנצערטן, צום סוף געוואָרן אַ סוחר און דערנאָך אַ חזן.

## אַדלער יוליוס

געבוירן געוואָרן דעם 15טן נאָוועמבער 1880 אין ביאַליסטאָק, בײַ עלטערן בעקער בעלי־בתים. אַלס קינד פון 6 יאָר האָט ער שוין אין שטוב אײַנגעאָרדנט אַ פּורים־שפּיל „אחשורוש", און ער האָט געשפּילט אַלס „המן". צו 9 יאָר געוואָרן משורר בײַ אַ חזן, און באַרימט געוואָרן אַלס „יודקע אַלט".

אין 1891 קומט קיין ביאַליסטאָק אַ טרופּע פון בראָדער זינגער, און אַדלער טרעט צו זיי אַרײַן אַלס „פּרימאַדאָנע". אויף אַ קורצע צײַט גייט ער איבער אין אַ רוסישער אָפּערעטן־טרופּע, און ווערט אויך דיריזשאָר פון כאָר אין אַ גרויסער שיל, באַלד דערנאָך טרעט ער אַרײַן אין דער טרופּע פון דוויד שוואַרצבאַרד אַלס אַקטיאָר, און פון דאָרט אין דער טרופּע פון אברהם יצחק קאַמינסקי, וועלכע שפּילט אין דער סביבה פון ביאַליסטאָק. אין דער דאָזיקער טרופּע איז אַדלער אַקטיאָר, כאָרמײַסטער און פון צײַט צו צײַט דיריגענט.

נאָכן וואַנדערן איניקע יאָר מיט קאַמינסקין און שפּעטער מיט פּישזאָנס טרופּע, ווערט אַדלער, אַליין אַן אונטערנעמער פון טרופּעס איבער רוסלאַנד. אין 1904 פאָרט אַדלער קיין נ' אַמעריקע צו זײַן פאַמיליע. אין 1907 קומט אַדלער קיין ווארשע, און שפּילט אין „זשאַרדען ד'היווער" מיטברענגענדיק צום ערשטן מאָל אין אייראָפּע דעם אַמעריקאַנער רעפּערטואַר פון גאָרדין, ליבין, קאָברין און זאָלאָטאַרעווסקי, דערנאָך פאָרט ער אַרום גאַסטראָלירן איבער פּוילן און ליטע.

אין 1909 פאָרט אַדלער צוריק קיין אַמעריקע און נאָכן שפּילן אַ סעזאָן בײַ מייק טאָמאַשעווסקי קומט ער ווידער קיין פּוילן, שפּילט אַ סעזאָן אין לאָדזשער גרויסן טעאַטער בײַ זאַנדבערגן, און מאַכט ווידער אַ טורנע איבער רוסלאַנד. אין 1912 פאַרוואַנדלט ער צוזאַמען מיט ליפּאָווסקין דעם לאָדזשער צירק־בנין פאַר אַ ייִדיש טעאַטער, רעזשיסירט און שפּילט אין די העברעיִשע אויפפירונגען פון „אוריאל אַקאָסטאַ" און הערצלס „נײַע געטאָ" אין לאָדזש, ווארשע און אין ווין.

אין 1920 איז אַדלער אָפּגעפאָרן אין נ' אַמעריקע, שפּילט אין באָסטאָן, לאָס אַנדזשעלעס אין ייִדישן קונסט־טעאַטער, אין קאַנאַדע, אַרגענטינע און בראַזיל. אין 27—1928 גאַסטראָלירט ער אין פראַנקרײַך, בעלגיע, דײַטשלאַנד און רוסלאַנד. ווערט דירעקטאָר פון „נײַעם ייִדישן טעאַטער" אין ריגע, און אין 1929 גאַסטראָלירט ער אין קאָוונע.

אויסער אַרטיקלען וועגן טעאַטער און זכרונות האָט אַדלער אָנגעשריבן די ווײַטערדיקע פּיעסעס וואָס זענען געשפּילט געוואָרן:

„דאָרפסליבע", „דאָס צווייטע ווײַב", „די מומע גענענדל" )באַאַרבעט), „די שיינע בערטע", איבערגעזעצט זאַפּאָלסקאַס, „זאַלבעפערט", סטרינבערגס „פאָטער", איבסענס „גײַסטער", קאָלמאַנס אָפּערעטע „די. טשאַרדאַש פירשטין" און די דראַמע „דער חבר" פון לעוויטינאַ.

אין ווארשע האָט ער געשמט מיט זײַן „ישיבה בחור", „תלמיד חכם", „קין", „אָטעלאָ„. דער שוין איצט 75 יעריקער יוליוס אַדלער שפּילט נאָך אַלץ ייִדיש טעאַטער אין ניו יאָרק ווו ער גיט זיך אויך אָפּ מיט שרײַבן זכרונות.

## בערמאַן אַדאָלף

געבוירן דעם 27טן נאָוועמבער אינעם יאָר 1872 אין ווארשע, בײַ אַ פאָטער אַ שנײַדער. געענדיקט אַ זונטיקדיקע האַנדלסשול, אַלס ייִנגל געזונגען אין דער טלאָמאַצקער כאָרשול, און פון דאָרט האָבן אים גאָלדפאַדען און טאַנצמאַן אַרײַנגענומען אין קינדערכאָר אין טעאַטער „עלדאָראַדאָ". אין 1892 צוזאַמען מיט טיטעלמאַן, ליבערט, אברהם יצחק קאַמינסקי, אסתר רחל קאַמינסקי, ראָטשטיין און זילבערבערג אָנגעהויבן צו שפּילן אויף דער יודישער בינע אין ווארשע, בײַ דער רוסישער דירעקטאָרשע אָלגינסקאַיאַ. בערמאַן האָט געשפּילט אין פאַרשידענע טרופּעס, און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה גרינדעט ער צוזאַמען מיט ראָטשטיינען און פּישעלעוויטשן אַ ייִדיש טעאַטער אויף טוואַרדע 7, ווו עס קומט אים אויך אויס צו שפּילן — צוליב דער גזרה אויף ייִדיש — ייִדישע פּיעסעס אויף פּויליש. נאָך דער מלחמה שפּילט ער אַ געוויסע צײַט מיט אסתר רחל קאַמינסקי, דערנאָך אין רעווי טעאַטער „סמבטיון" און פאָרט אַרום איבער פּוילן מיט אַ טרופּע.

נאָך דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט אַדאָלף בערמאַן זיך געפונען אין ווארשעווער געטאָ ווו ער איז אינגיכן געשטאָרבן.

## הערמאַן דוויד

געבוירן אין יוני 1876 אין ווארשע, בײַ חסידישע עלטערן. געלערנט אין חדר, דערנאָך אין בית־מדרש. אונטער דער השפּעה פון דער השכלה־ליטעראַטור אָנגעהויבן אַרײַנצופאַלן אין ספקות, געוואָרן אַן אפּיקורס, און צו 18 יאָר אָנגעהויבן אין געהיים לערנען לימודי־חול. באַלד אָנגעהויבן שרײַבן אין פּויליש און העברעיִש (איגנאָרירנדיק ייִדיש), אַרויסגעטראָטן מיט פאָרלעזונגען און דעקלאַמאַציעס אין פּריוואַטע לאָקאַלן. אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין אַ ייִדיש־אַסימילירטער און קריסטלעכער סביבה, באַקומט ער פון זיי פינאַנציעלע מיטלען פאַרצוזעצן זײַן שטודיום אין פּויליש און פאָרט קיין קראָקע, ווו ער דערנענטערט זיך דווקא צו דער ייִדישיסטישער ריכטונג און מאַכט זיך פאַר אַן אויפגאַבע צו הייבן דעם ניוואָ פון ייִדישן טעאַטער. צו דעם צוועק טרעט ער אַרײַן אין דער ווארשעווער פּוילישער דראַמאַטישער שול, וועלכע ער ענדיקט אַלס רעזשיסער.

אין 1903 אָרגאַניזירט ער אַ דראַמקרײַז, מיט וועלכן ער פירט אויף אין 1907 אין ווארשעווער טעאַטער „לעטני" פּרצעס „ס'ברענט" און „שוועסטער", שלום עליכמס „מזל טוב" און אַשס „מיטן שטראָם". אין פרילינג 1908 רעזשיסירט ער אין אַ לאָדזשער דראַמאַטישן קרײַז פּרץ הירשביינס „תקיעת כף" וואָס ווערט אויפגעפירט מיטן אָנטייל פון מחבר, און פּלאַנט צוזאַמען מיט הירשביינען צו גרינדן אַ „ליטעראַריש־דראַמאַטישן טעאַטער", וואָס ווערט אָבער נישט פאַרווירקלעכט.

הערמאַן פאָרט קיין ווין ווו ער אָרגאַניזירט אַ טרופּע, וועלכע פירט אויף אין דײַטש ייִדישע ליטעראַרישע פּיעסעס, נאָך 3 חדשים שפּילן האָט די דירעקציע פון דעם טעאַטער באַנקראָטירט.

צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד, פירט ער אויף מיט דער הירשביין־טרופּע איניקע פּיעסעס, און עפנט דערנאָך אין ווארשע צוזאַמען מיט פּרצן און ד"ר מוקדוני די ערשטע ייִדישע דראַמאַטישע שול, פון וועלכער עס זענען אַרויס זיגמונט און יאָנאַס טורקאָוו, יעקב ווײַסליץ און אַנדערע פּראָפעסיאָנעלע ייִדישע אַקטיאָרן.

בעת די „ווילנער־טרופּע" קומט קיין ווארשע, טרעט ער אין

אין אַרײַן און צוזאַמען מיט זײַנע תּלמידים נאָרוויד, טאַרלאָ, מרים שוך און שידלאָ, פֿירט ער דאָרט אויף הירשבײנס „נבֿלה”, שניצלערס „ליבעלײַ”, הירשבײנס „תּקיעת כּף” און אַנסקיס „דיבוק”.

הערמאַנס רעזשי־קאָנצעפּסיע פֿון „דיבוק” ווערט דערנאָך קאָפּירט בײַ פֿאַרשידענע „דיבוק”־אויפֿפֿירונגען, אויף די ייִדישע און נישט־ייִדישע בינעס. דערנאָך פֿאָרט ער מיט אַ טייל פֿון דער „ווילנער־טרופּע” גאַסטראָלירן איבער מערבֿ־אייראָפּע. צוריקגעקומען קיין וואַרשע, גרינדעט ער צוזאַמען מיט ווײַכערטן אַ נײַע דראַמאַטישע סטודיע, און דערנאָך ווערט ער ווידער רעזשיסער אין דער ווילנער טרופּע, וואָס איז געבליבן אין פּוילן. די לעצטע צײַט רעזשיסירט אין נאָרד־אַמעריקע און דאָרט געשטאָרבן.

## נאָזשיק יצחק

געבוירן דעם 23טן אַפּריל 1889 אין וואַרשע. די מוטער — אַ סוחרטע, דער פֿאָטער — אַ לערנער, אַ מתמיד. געלערנט תּנך און גמרא, און פּריוואַט אַ ביסל רוסיש, דײַטש און רעכענען. געלערנט אין די ישיבֿות פֿון סוּוואַלק, לאָמזשע און וואַרשע. צוליבן לייענען סאָציאַליסטישע ליטעראַטור דערווײַטערט געוואָרן אין 1903 פֿון דער וואַרשעווער ישיבֿה, אַרײַן אין דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, געלייענט פֿאַר אַרבעטער־קרײַזלעך ליטעראַטור און געזונגען פֿאַר זיי אַרבעטער־לידער. אין 1905, צופֿעליק בײַגעוווינט די עפֿענונג פֿון ייִדישן „באַגאַטעלאַ”־טעאַטער אין וואַרשע, און פֿון דעמאָלט אָן געוואָרן אַ שיק ייִנגל בײַ די בינע־אַרבעטער און אַקטיאָרן, דערנאָך אַ סטאַטיסט. אין 1906 געשפּילט קליינע ראָלן אין וואַרשעווער „זשאַרדען ד'היווער”, ווּ ער האָט שפּעטער אויך געמוזט סופֿלירן. דאָ האָט נאָזשיק ,איבערשרײַבנדיק דעם פֿאַרדײַטשמערישטן רעפּערטואַר, אַ סך טעקסטן „פֿאַרייִדישט” און אַפֿילו געשטראָכן און צוגעגעבן אייגענע סצענקעס. אין 1908 אַרײַנגעטראָטן אַלס אַקטיאָר צו קאָמפּאַניעעצן אין וואַרשעווער „מוראַנאָווער” טעאַטער, דערנאָך צו סעם אַדלערן — מאָקאָטאָווסקע 137 — דערנאָך געוואַנדערט מיט טרופּעס איבער דער פּראָווינץ אין פּוילן און ווײַסרוסלאַנד. נאָזשיק האָט אָנגעשריבן זייער אַ סך פּיעסעס, רעוויו־נומערן און איינאַקטערס, פֿאַרעפֿנטלעכט פֿיל אַרטיקלען וועגן טעאַטער בכלל און פּראָפֿעסיאָנעלע ייִדישע טעאַטער־ענינים בפּרט. ער איז געווען מערערע מאָל פֿאָרזיצער ,וויצעפֿאָרזיצער און סעקרעטאַר פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן ייִדישן אַרטיסטן־פֿאַריין אין פּוילן. געשטאָרבן אין ישׂראל.

## אידאַ קאַמינסקאַ

די טאָכטער פֿון דער „מאַמען פֿון ייִדישן טעאַטער”, האָט שוין גאָר יונג אויפֿגעטראָטן אויף דער ייִדישער בינע צוזאַמען מיט איר באַרימטער מוטער און דער נאָך אויך מיט זיגמונט טורקאָוו, איר שפּעטערדיקן מאַן. (זע זיגמונט טורקאָוו) איצט פֿאַרנעמט אידאַ קאַמינסקאַ אָן ערשט ראַנגיק פּלאַץ אין ייִדישן טעאַטער אין פֿאָלקס־פּוילן, ווּ זי פֿירט אָן מיטן ייִדישן מלוכה־טעאַטער און פֿאַרנעמט אַליין דעם אויבנאָן צווישן די ייִדישע שוישפּילער. אין 1948 האָט קאַמינסקאַ אויפֿגעפֿירט אַ ווערק וואָס האָט זי באַרימט געמאַכט נאָך מיט 10 יאָר צוריק אין דעמזעלבן לאָדזש. דאָס איז געווען די פּיעסע אויף אַ היסטאָרישער טעמע פֿון דער כּמעט לעגענדאַרער „גליקל פֿון האַמעלן” פֿון דעם מחבר מ. בוימאַן. קאַמינסקאַ האָט אין ביידע פֿאַלן געשפּילט די הויפּטראָל און געהאַט גרויס דערפֿאָלג. זי שפּילט אַ רײַכן רעפּערטואַר פֿון ייִדישע און פּוילישע מחברים און אָפֿט איבערזעצט זי און באַאַרבעט אַליין די ווערק. זי איז אַ מיטגליד אין אויפֿזיכטסראַט פֿון ייִדישן מלוכה־טעאַטער וואָס גיט אַכטונג אויפֿן רעפּערטואַר.

## ראָטבוים יעקבֿ

געבוירן אין וואַרשע אין 1900, געלערנט אין קרינסקיס גימנאַזיע און אויך שטודירט מאַלערײַ און טעאַטער־קונסט. פֿאָרט דערנאָך אָפּ אין ראַטן־פֿאַרבאַנד ווּ ער לערנט אויף רעזשיסאָר און נאָכן פֿאַרענדיקן דעם שטודיום קערט ער זיך אום קיין וואַרשע.

אַ דאַנק דעם וויסן וואָס ער האָט דערוואָרבן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד רעזשיסירט ער אין וואַרשע „שרײַ כינע” און אַנדערע מאָדערנע פּיעסעס, וואָס ער האָט גאַנץ אָריגינעל אויפֿגעפּאַסט. אין 1937 פֿירט ער אויף אין „נאָוואָשטשי” גאָלדפֿאַדענס „די כּישוף־מאַכערין” אין דער באַאַרבעטונג פֿון איציק מאַנגער און מיט מוזיק פֿון הענעך קאָן. נאָכן גרויסן דערפֿאָלג פֿון דער פּיעסע הייבט די טרופּע אָן זיך רופֿן „טעאַטער פֿאַר יוגנט” וואָס ווערט דערנאָך אַ שם דבֿר.

מלחמה־צײַט געפֿינט זיך ראָטבוים אין אויסלאַנד און ער האַלט זיך אויף אַ קורצע צײַט אין בוענאָס־אײַרעס ווּ ער רעזשיסירט אין „איפֿט”־טעאַטער. ווען עס אַנטשטייט דאָס נײַע פּוילן פֿאָרט ראָטבוים אַהין און פֿאַרנעמט גלײַך אַ בכּבֿודיקן אָרט אין דאָרטיקן טעאַטער־לעבן. ער רעזשיסירט דראַמקרײַזן, ווי דער פֿון שטשעטשין. אגבֿ איז ער שוין אַ סך פֿריִער געווען רעזשיסאָר פֿון דראַמסעקציע בײַם טעקסטיל־פֿאַריין.

אין דעם „נידערשלעזישן ייִדישן טעאַטער” פֿירט ראָטבוים אויף ראָבלעסעס „דער גרויסער ניסיון” וואָס שילדערט דעם קאַמף קעגן שפּאַניע אין דרום־אַמעריקע. דאָס דאָזיקע טעאַטער צוזאַמען מיטן ייִדישן טעאַטער אין לאָדזש איז אין 1950 פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין ייִדישן מלוכה־טעאַטער פֿון פּוילן מיט די אייגענע געביידעס אין לאָדזש און אין ווראָצלאַוו. ראָטבוים געהערט צום אויפֿזיכטסראַט, ווּ ס'גייען אַרײַן נאָך צוויי מיטגלידער מירסקי און ד"ר ספּאַרד.

ראָטבוים רעזשיסירט אויך אויף דער פּוילישער בינע פֿאַר וואָס ער האָט באַקומען אויסצייכענונגען פֿון דער פּוילישער מלוכה.

משה פלאַרמאַן (בוענאָס־איירעס)

# דאָס יאָר 1905 אין וואַרשע

געזען מיט די אויגן פון אַ 5 יעריק ייִנגל, „ווי אַזוי סיהאָט זיך אײַנגעקריצט אין מײַן קינדערשן זכרון דער אויפשטאַנד קעגן צאַר אין וואַרשע אין יאָר 1905".

פון מײַנע צוויי שטיפברידער האָט איינער געהייסן שלמה און איז עלטער געווען פון מיר מיט 8 יאָר און דער צווייטער גרשון און איז עלטער געווען פון מיר מיט פערצן יאָר.

מײַן טאַטע האָט גרשונען גערופן דער לייִדיק־גייער, ווײַל דער פאַבריקאַנט פון פרויען־בײַטלען וווּ גרשון האָט געאַרבעט ,האָט געזאָגט צו מײַן שטיפטאַטן, אַז „אײַער גרשון וועט שוין קיין לײַט נישט זײַן, ווײַל אײן טאָג אַרבעט ער יאָ און דרײַ טעג נישט און דאַכט זיך אַז ער גיט זיך אויך אָפּ מיט די ציציליסטן (סאָציאַליסטן)". מײַן שטיפטאַטע איז געוואָרן אויפגעבראַכט! ער קלאַפּט זיך אין האַרץ און שרײַט: „נאָך ווייניק וואָס מיר די פאַמיליע, ווייסן אַז גרשון גייט אין שלעכטע וועגן ,ווייסן דאָס שוין פרעמדע מענטשן אויך". אָבער זיכער איז מײַן שטיפטאַטע נאָך אַלץ נישט געווען בײַ זיך, צי עס איז אמת, אַז דער שטילער גרשון זאָל אים אַזוי פאַרשעמען. און רעדנדיק צו זיך אַליין, האָט ער געזאָגט: איך וועל קיינעם נישט גלייבן, ביז איך וועל אַליין פרעגן מײַן גרשונען, צו דאָס איז אמת וואָס מענטשן זאָגן און אויב גרשון וועט מיר פאַרזיכערן אַז דאָס איז ליגן, וועל איך קיינעם נישט גלויבן נאָר אים. און גרשון האָט מײַן שטיפטאַטן פאַרזיכערט אַז ער איז „גאָט די נשמה שולדיק" און ער האָט אים געגלויבט. אָבער לאַנג האָט די פאַרזיכערונג נישט אָנגעהאַלטן, אין גאַנצן אַ פּאָר וואָכן, דאָס הייסט ביז דעם טאָג ווען דער צאַר האָט דערשטיקט די רעוואָלוציע. (פון 1905)

אין יענעם טאָג האָט מײַן מאַמע רבקה, ווי שטענדיק, גענומען דאָס פלאַכע פּירקאַנטיקע שטרויענע קיישל מיט צוויי אויערן און איז געגאַנגען אין גאַס אַרײַן עפּעס קויפן צום עסן. איך בין דעמאָלט אַלט געווען פינף יאָר און איך האָב געוואָלט מיטגיין מיט דער מאַמען, אָבער זי האָט זיך פריִער אָנגעפרעגט בײַ מײַן שטיפטאַטן. (אגב האָב איך אים גערופן טאַטע, ווײַל ווען איך האָב אים דערקענט, בין איך געווען צוויי און אַ האַלב יאָר): „אברהם, זאָל איך משהן מיטנעמען אין אַזאַ טאָג ווי הײַנט?" מײַן טאַטע ענטפערט קורץ: „אַז דו ווילסט, נעם אים מיט!"

מיר זענען אַרויס פון דעם גרויסן דורכגאַנגס־הויף וווּ מיר און נאָך עטלעכע הונדערט פאַמיליעס האָבן געוווינט, און פון וווּ מ'האָט געקאָנט אַרויסגיין סײַ אויף וואָלאָווע 8 און סײַ אויף פראַנצישקאַנער 29. אין איין האַנט האַלט מײַן מאַמע דאָס שטרויענע קיישל און אין דער צווייטער מײַן האַנט און אַזוי גייענדיק זאָגט זי צו מיר, „אויב די קלייטן זענען פאַרמאַכט, איז אומזיסט אונדזער גיין!", אַזוי ווי מיך וואָלטן די קלייטן מער אינטערעסירט, ווי דאָס גיין שפּאַצירן מיט דער מאַמען. פאַר מיר איז דאָס נישט געווען מער ווי אַ שפּאַציר. אָבער — זאָגט מײַן מאַמע צו מיר: „מען דאַרף צוגיין אויף גענשע נומער 4 אין די כשרע יאַטקעס, אפשר וועט מען דאָרט קריגן צו קויפן עפּעס עסן" אַזוי האָט זי גערעדט צו מיר ווי צו אַ דערוואַקסענעם מענטש, וואָס ווייסט איר צו ענטפערן יאָ, אָדער ניין. ווען מיר זענען צוגעקומען אויף דער פראַנצישקאַנער־גאַס, צווישן 35 און 37 ,האָבן זיך פּלוצלונג מיט איין מאָל געגעבן אַ פאַרקלאַפּ אַלע טויערן און שוין האָט מען נישט געזען קיין איין מענטש אויף דער גאַס. מיר זענען צו צום טויער נומער 37, פּרובירט קלאַפּן, שרײַען, מען זאָל אונדז אַרײַנלאָזן, אָבער אומזיסט אונדזער קלאַפּן און שרײַען. מיר בלייבן שטיין אין אַ ווינקל לעבן טויער אויף דער גאַס אומבאַהאָלפן. פון דער באָניפראַטן־גאַס האָבן זיך באַוויזן אַ פּאָר צענדליק צעווילדעוועטע קאָזאַקן מיט איינעם פאָרויס און ווי אַ בליץ זענען זיי שוין געווען לעבן אונדז. איינער פון די קאָזאַקן האָט זיך געשטעלט אַ פּאָר מעטער פון אונדז מיט דער ביקס אויסגעשטרעקט צו מײַן מאַמען און ער באַוועגט דאָס שלאָס פון דער ביקס צום שיסן. איך פיל ווי מײַן מאַמעס האַנט ציטערט וואָס אַ מאָל שטאַרקער און ווערט לויזער און לויזער ביז זי לאָזט אַרויס מײַן האַנט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געזעגנט מיט מיר מיט די נישט דערזאָגטע ווערטער: „איך בין שוין פאַרלוירן בלײַב דו, מײַן קינד, כאָטש לעבן"; אָבער דאָ איז געשען אַ נס. איבערגעשראָקענע פון די אַרבעטער־לאָזונגען, און פון די מעכטיקע הוראַ־געשרײַען וואָס האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן פון די אַרבעטער דעמאָנסטראַציעס, אויף די נאַלעווקעס, אין דער זײַט צו מוראַנאָוו, האָבן די צעווילדעוועטע קאָזאַקן זיך אַ לאָז געטאָן אין יענער ריכטונג צו די מאַניפעסטאַנטן, איבערלאָזנדיק אונדז אומבאַרירט. און באַלד זענען מיר צעבלוטיקטע, אָפּגעריסענע און מיט בלויע צייכנס באַדעקטע מאַניפעסטאַנטן, פון וועלכע יעדער איינער זוכט אַ פּלאַץ זיך אויסצובאַהאַלטן כדי נישט דערשאָסן צו ווערן, אָדער אין בעסטן פאַל, נישט צו קריגן מיט אַ שווערד אָדער נאַהייקע איבערן קערפּער. עס ווערט אַ געמיש פון ביקסן־שאָסן, שווערדן, נאַהייקעס, בלוט, מיט נאָך נישט אין גאַנצן דערשטיקטע אַרבעטער־לאָזונגען: „נידער מיטן צאַר! זאָל לעבן די פרײַהייט!

בײַם טויער פון פראַנצישקאַנער נומער 34 זע איך לויפן אַ מאַניפעסטאַנט און עס יאָגט אים נאָך אַ קאָזאַק. לויטן בליק זעט ער אויס צו זײַן גרשון, אָבער ווי אַזוי קען דאָס זײַן גרשון, קען מײַן קינדערשער מוח נישט פאַרשטיין. גרשון גייט דאָך אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ ייִדיש היטל, און דאָ האָב איך אים געזען אין אַ קורץ רעקל און אָן אַ היטל און ער איז עפּעס גרעסער געוואָרן. אָבער ווען איך קוק זיך גוט צו, זע איך אַז איך האָב קיין טעות נישט געהאַט. דאָס איז גרשון, מײַן שטיפברודער, שוין מיט אַ נישט־קשהדיקן פלעק אויפן פנים.

דער קאָזאַק גיט גרשונען אַ שמיר מיט דער נאַהייקע איבערן קאָפּ, גרשון גיט זיך אַ האַסטיקן שטעל אָפּ בײַ דער וואַנט, כדי דער קאָזאַק זאָל דורך לויפן און אים אויסמײַדן. פון קאָזאַקס שנעלן ווענדן זיך אײַנהאַלטן לעבן גרשונען, כדי אים צו כאַפּן, האָט זיך דאָס פערד אויסגעגליטשט, נאָר באַלד איז עס צוריק געשטאַנען אויף די פיס, אָבער גרשון איז שוין געווען אין דער גרופּע מאַניפעסטאַנטן וואָס האָבן זיך געלאָזט צום טויער פון פראַנציסקאַנער 34, ווו איך מיט מײַן מאַמען זענען נאָך אַלץ געשטאַנען ווי פאַרגליווערט. די מאַניפעסטאַנטן האָבן אויפגעריסן דאָס טויער און מיר זענען אַלע אַרײַן אין הויף. סאָלדאַטן און פּאָליציי האָבן געשלאָגן ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אַ סך אַרבעטער האָט מען אַרעסטירט. איך מיט מײַן מאַמען און אַ פּאָר צענדליק אַרבעטער, און גרשון צווישן זיי, זענען אַרײַן אין הויז פון טויער, איך געדענקט נישט צי אויפן צווייטן אָדער דריטן שטאָק האָבן די אַרבעטער זיך גענומען אַרויפּכאַפּן אויפן בוידעם, איך און מײַן מאַמע זענען אויפן בוידעם נישט אַרויף, ווײַל עס איז נישט געווען קיין טרעפּ נאָר אַ צעבראָכענע לייטער צום אַרויפקריכן, זענען מיר געבליבן שטיין לעבן בוידעם צווישן צוויי טירן, וואָס האָבן געפירט צו וווינונגען. אין הויז זענען די סאָלדאַטן נישט אַרײַן, זיי זענען געבליבן אויפן הויף און געשאָסן אין הימל אַרײַן.

גרשון, ווען ער איז אַרײַן אין טויער האָט אונדז, מיך מיט מײַן מאַמען, באַמערקט, אָבער ער האָט זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט, ווײַל ער האָט געמיינט, אַז מיר זעען אים נישט, אָבער ווען ער האָט זיך שוין אַ ביסל באַרויִקט פון דער איבערלעבונג, וואָס ער האָט מיטגעמאַכט, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט בײַ דער עפענונג פון בוידעם דורך וואַנען ער איז אַרײַנגעקראָכן און אַראָפּגעקוקט צו אונדז. ער וואָלט אונדז זיכער צוגעהאָלפן זיך אויסצובאַהאַלטן, ווען נישט די זיכערקייט זײַנע, אַז מיר האָבן אים נישט געזען. גרשון, באַמערקנדיק אַז איך גיי ווײַזן מײַן מאַמען, אַז ער קוקט אַראָפּ פון בוידעם, האָט צוגעלייגט זײַן ווײַזפינגער צום מויל, וואָס דאָס האָט געמיינט אַ צייכן אַז איך זאָל שווײַגן. מײַן מאַמע איז צוגעגאַנגען צו איינע פון די צוויי טירן און האָט גענומען קראַצן מיט די נעגל די טיר, קלאַפּן אָדער שרײַען האָט זי מורא געהאַט, די סאָלדאַטן אויפן הויף זאָלן נישט דערהערן. מיר דערהערן טריט פון אינעווייניק, מײַן מאַמע רעדט אַרײַן אַזוי שטיל אַז עס דאַכט זיך אַז זי אַליין הערט נישט וואָס זי זאָגט. „מענטשן, איך בעט אײַך, לאָזט מיך אַרײַן, איך שטיי דאָ מיט אַ קינד!”. מען עפנט אונדז די טיר און מיר גייען אַרײַן אין שטוב, די גוטע מענטשן גיבן אונדז צוויי שטולן צום זיצן. „זייער גוט האָבן זי געטאָן — זאָגט אַ פרוי צו מײַן מאַמען — וואָס זי האָבן נישט געקלאַפּט אין דער טיר, ווײַל ווען זי וואָלטן געקלאַפּט, וואָלטן מיר געמיינט אַז דאָס קלאַפּן סאָלדאַטן און מיר וואָלטן די טיר נישט געעפנט”. די פרוי פרעגט זיך בײַ מײַן מאַמען פאַרשידענע זאַכן, און מײַן מאַמע ענטפערט נישט, נאָר זי וויינט. די מענטשן, וואָס האָבן אונדז אַרײַנגענומען צו זיך אין שטוב, זעען, אַז מײַן מאַמע קען זיי נישט ענטפערן, גייען זיי אַרײַן אין אַ צווייטן צימער און לאָזן אונדז אַליין. מײַן מאַמע האָט זיך באַרויִקט און זי גיט אַ קוק אין מײַן זײַט און זאָגט צו מיר האַלב־וויינענדיק: „גאָט צו דאַנקען וואָס מיר זענען לעבן געבליבן”. זי נעמט מיך אַרום און גיט מיר אַ קוש. „און איצט — זאָגט מײַן מאַמע — וואָלט איך וועלן דערלעבן די גליקלעכע מינוט, אַז מיר זאָלן שוין זײַן אין דער היים צוזאַמען מיט אַלע!”. דער זאָג „אין דער היים” האָט אַ ביסל שאָקירט מײַן קינדערשע נשמה און איך פרעג בײַ מײַן מאַמע: „מאַמעלע! גרשון וועט אויך אַ היים גיין מיט אונדז?”. מײַן מאַמע צעלאַכט זיך און זי פרעגט מיך צי איך האָב אויך געזען גרשונען? אוודאי האָב יאָך אים געזען, זאָג איך צו מײַן מאַמען און איך דערצייל איר אַלץ וואָס איך האָב געזען. „זיכער — זאָגט מײַן מאַמע — וועט גרשון מיטגיין מיט אונדז, אויב ער וועט נאָך נישט האָבן פריִער אַראָפּגעקראָכן פון בוידעם און אַוועקגעגאַנגען, ער איז דאָך אויסער געוויינלעך פלינק. איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן, ווי אַזוי דער ווילדער קאָזאַק האָט אים נאָכגעיאָגט און איך בין שיִער דערשטיקט געוואָרן פון נישט קענען אים העלפן כאָטש מיט אַ געשרײַ, און ווען נישט זײַן פלינקייט, ווער ווייס ווי אַזוי ער וואָלט זיך אַרויסגעדרייט פון קאָזאַקס קלעפּ!”

עס קומט אַרײַן פון צווייטן צימער די זעלבע פרוי און זי זאָגט צו מײַן מאַמען: „זי ווילן עפּעס זעען?” און זי רופט צו מײַן מאַמען צום פענצטער, וואָס איז געווען צו דער גאַס און ווײַזט איר אַז מען האָט שוין געעפנט די טויערן און מענטשן גייען שוין אין גאַס, אַזוי ווי עס וואָלט קיין מאָל קיין דעמאָנסטראַציע נישט געווען. מײַן מאַמע דערפרייט זיך זעענדיק אַז מ'קען שוין אַהיים גיין און זי נעמט מיך בײַ דער האַנט און געזעגנט זיך און זי דאַנקט די גוטע מענטשן פאַרן אַרײַנלאָזן אונדז צו זיך אין שטוב.

ווען מיר גייען אַראָפּ די טרעפּ שטייט גרשון שוין אין דעם קורצן רעקל ווי פריִער, נאָר אין דער לאַנגער קאַפּאָטע מיטן יידישן היטל אויפן קאָפּ, אָבער מיטן זעלבן בלויען צייכן אויפן פּנים, וואָס ער האָט נישט געקענט איבערבאַהאַלטן און ער וואַרט אויף אונדז. „פון וואַנען קומסטו דאָ אַ הער?”, פרעגט אים די מאַמע, זיך מאַכנדיק נישט ווייסנדיק וואָס עס איז פאָרגעקומען. „איך וואַרט אויף אײַך” -- זאָגט גרשון דרייסט און כאַפּנדיק מיך אויף דער האַנט, לויפט ער אַראָפּ פון אַלע טרעפּ ביז אויף דער גאַס, ווו ער בלייבט שטיין און וואַרט אויף מײַן מאַמען. „מומע! — זאָגט ער צו מײַן מאַמען — דו דאַרפסט שנעל אַהיים גיין מיטן קינד, ווײַל מיט דעם האָט עס זיך נאָך נישט געענדיקט! עס וועלן זיכער פאָרקומען נאָך מאַניפעסטאַציעס”. ער שטעלט מיך צו צו מײַן מאַמען און ער זאָגט צו איר: „מומע, גיי שנעל אַהיים” — און ער וויל זיך לאָזן אין אַ צווייטער ריכטונג. „איך וועל דיך אין ערגעץ נישט לאָזן גיין, איצט מוזט דו גיין מיט מיר — אַמפּערט זיך מײַן מאַמע מיט אים. — מיט אַזאַ בלויען פלעק אויפן פּנים וועט מען דיך באַלד דערקענען, אַז דו ביסט אַ מאַניפעסטאַנט און מען וועט דיך גלײַך אַרעסטירן!” — פּרובירט מײַן פרומע מאַמע, וואָס איז אין גאַנצן עלטער געווען מיט צען יאָר פון איר נישט־שרעקעוודיקן און אַנטירעליגיעזן שטיפזון, אָננעמען גרשונען בײַ דער האַנט און לאָזט אים נישט אָפּ, כדי מיט אים צוזאַמען אַהיים צו גיין. אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, נעמט גרשון זיך בעטן בײַ מײַן מאַמען, אַז זי זאָל אים אָפּלאָזן. „אין אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן טאָג ווי עס איז הײַנט פאַרן אַרבעטער־קלאַס — זאָגט ער שוין אָפן און דרייסט — קען איך זיך נישט דערלויבן אַהיים צו גיין און נאָך מיט אַזוי פיל פליכטן וואָס איך האָב אויף זיך גענומען”. און מיט נאָך פאַרשידענע אַרגומענטן פּרובירט גרשון געבן צו פאַרשטיין מײַן מאַמען, אַז ער קען נישט אַהיים גיין. עס איז אומזיסט גרשונס רעדן, מײַן מאַמע האַלט זיך בײַ דאָס איריקע. „איך וויל נישט האָבן אויף מײַן געוויסן — זאָגט זי — אויב עס וועט חלילה מיט דיר עפּעס געשען שלעכטס, נאָך דעם ווען דו וועסט איצט אַוועקגיין פון מיר, און שלעכטס קען אין אַזאַ אומרויִקן טאָג ווי הײַנט זײַן אַ סך מער ווי גוטס”. און זי נעמט אים נאָך פעסטער בײַ דער האַנט און זי זאָגט צו אים: „זײַ נישט קיין עקשן און קום שנעלער”. הערנדיק די עוולה וואָס מײַן מאַמע באַגייט בנוגע גרשונען, האָט זיך אין מיר אַביסל צעוואָרעמט מײַן קינדישער געדאַנק און איך זאָג אָן שום קונצן: „גרשון, אַנטלויף! איך אַנטלויף אויך, ווען די מאַמע לאָזט מיך נישט אַרויס פון שטוב!”. מײַן מאַמע און

גרשון האָבן געוואָנדן זייערע בליקן צו מיר און האָבן געלאַכט, צופרידן פון מײַן קינדערשן אַרײַנמישן זיך אין זייער געשפּרעך. „איך האָב עס געוווּסט פאָרויס", — זאָגט גרשון צו מײַן מאַמען — און אַראָפּקוקנדיק פון בוידעם און זעענדיק דיך מיטן קיישל אין איין האַנט און משהן אין דער צווייטער האָב איך פאַרשטאַנען אַז דו ביסט געגאַנגען עפּעס קויפן און האָסט ניט ווילנדיק פאַרבלאָנדזשעט אויף אַ פּלאַץ ווו עס באַהאַלטן זיך אויס רעוואָלוציאָנערן, און דאָ איז מיר אַדורך אַ געדאַנק, צו זאָל איך זיך אויסגעבן פאַר אײַך אָדער נישט. און איך האָב פּעסט בײַ זיך באַשלאָסן, אַז איך זאָל אַראָפּוואַרפן פון זיך די בלוזע און אַרויסציען די קאַפּאָטע אויף די הויזן און אײַך אָפּוואַרטען ווען איר וועט אַרויסגיין פון דער פרעמדער שטוב ווו מען האָט אײַך אַרײַנגעלאָזט, כאָטש כ'בין געווען כמעט ווי זיכער, אַז מײַן פונקציע וואָס איך האָב אויף זיך גענומען קען מיט דעם איבערגעבראָכן ווערן. איך האָב דאָך אַנדערש נישט געקאָנט. און דערפאַר מיין איך, אַז דו דאַרפסט מיך פאַרשטיין און מיך לאָזן אויספירן מײַנע אַרבעטער־פליכטן". דערפילנדיק די אומרויִקייט פון גרשונען, זאָגט מײַן מאַמע, כדי אים צו באַרויִקן און די צײַט זאָל אַדורך וואָס שנעלער: „ווען איך בין געשטאַנען מיטן קינד אַן אומבאַהאָלפענע בײַם טויער פון פראַנציסקאַנער 34 האָב איך דיך געזען לויפן". און דאָ הייבט מײַן מאַמע אָן צו דערציילן מיט אַלע איינצלהייטן וואָס עס איז אַלץ פאָרגעקומען מיט אים און מיט אונדז, אַזוי ווי עס וואָלט געווען פאַר אים אַ נײַעס. „נאָר איין זאַך קען איך נישט פאַרשטיין — זאָגט זי — דו ביסט אַרויס פון שטוב מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע און מיטן יִדישן היטל, און אויף דער גאַס האָב איך דיך געזען לויפן פון דער מאַניפעסטאַציע אין אַ שוואַרצער גלאַנציקער בלוזע און אָן אַ היטל, און איצט זע איך דיך צוריק אין די קאַפּאָטע מיטן היטל, זאָג מיר ווי אַזוי מאַכסטו דאָס?". גרשונען איז געפעלן געוואָרן די פראַגע פון מײַן מאַמען און ער האָט אײַנגעזען אַז דאָס אויסהיטן זיך האָט שוין קיין ווערט נישט, ווײַל זי ווייסט שוין פון אַלץ און ער ענטפערט: „איך מאַך עס זייער לײַכט". און דאָ נעמט ער אַרויס די גלאַנציקע בלוזע פון קעשענע און ער ווײַזט עס מײַן מאַמען. „זעסט די בלוזע, זאָגט ער צו איר, דאָס צי איך אַרויף אויף דער קאַפּאָטע און די שפּיצן פון דער קאַפּאָטע, לייג איך אַרײַן אין די הויזן און דאָס היטל אין דער קעשענע און איך ווער אַ מענטש פאַר דער פרײַער באַוועגונג". צוהערנדיק זיך צו דעם וואָס גרשון האָט דערציילט, האָט מײַן קליינער מוח איצט אָנגעהויבן צו באַגרײַפן פאַר וואָס גרשון איז געווען אַזוי גראָב און זיך נישט געלאָזט דערקענען, ווען איך האָב אים געזען לויפן אויף דער גאַס געיאָגט פון דעם קאָזאַק. אַזוי רעדנדיק זענען מיר אַרײַנגעקומען אין דעם הויף פון פראַנציסקאַנער 29 ווו מיר האָבן געוווינט. אָפּגייענדיק עטלעכע צענדליק מעטער, האָבן מיר ווידער אַ מאָל דערהערט די זעלבע אויסרופן: „נידער מיטן צאַר! נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט! זאָל לעבן די פרײַהייט!" דער סטרוזש האָט געגעבן אַ פאַרקלאַפּ דאָס טויער און צוזאַמען מיט אַלע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אויפן הויף און געשמועסט וועגן די געשעענישן, האָט ער זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן. גרשון האָט זיך געגעבן אַ ריס אָפּ פון אונדז ,שוין נישט פרעגנדיק בײַ קיינעם קיין דערלויבעניש און צו אונדז אַ זאָג געטאָן עטלעכע ווערטער: „געדענקסט — זאָגט ער אין געאײַל צו מײַן מאַמען — ווי נישט לאַנג ערשט זענען מיר געשטאַנען אויף דער גאַס און נישט געהאַט ווו זיך אויסצובאַהאַלטן פון די קאָזאַצקע קלעפּ? די מאַניפעסטאַנטן וואָס וואַרפן איצט די לאָזונגען אויף דער גאַס קעגן צאַר, האָבן אויך נישט ווו זיך צו באַהאַלטן. איך קען נישט זײַן גלײַכגילטיק צו דעם!" און ער לויפט אַוועק. די מאַמע רופט אים „גרשון! גרשון!". גרשון דראַפּעט זיך שוין אויפן טויער כדי צו באַזײַטיקן די צוויי שווערע אײַזערנע קייטלען מיט וועלכע דאָס גראָבע הילצערנע טויער איז געווען פאַרשפּאַרט. ער וואַרפט אַראָפּ די קייטלען און גיט אַ פּראַל אויף דאָס טויער פון ביידע זײַטן. ער כאַפּט אַ בליק אויף דער גאַס און שוין איז ער צוריק לעבן אונדז — ער גיט מיך אַ כאַפּ אויף דער האַנט און מיט דער צווייטער האַנט נעמט ער מײַן מאַמען אונטערן אָרעם און אַזוי ווי אַ ווינט לויפט ער מיט אונדז דורך דעם גרויסן הויף. אַ געדיכטע מענטשן־מאַסע איז אַרײַן אין הויף דורכן אָפענעם טויער. קיינעם פון די מאַניפעסטאַנטן איז זיכער נישט אײַנגעפאַלן אַז דאָס האָט גרשון פאַר זיי צוגעגרייט. עס חזרט זיך איבער דאָס זעלבע בילד וואָס פריִער. ביקסן־שאָסן, נאַהייקעס, בלוט, אַרעסטירטע. עס הערן זיך די אויסרופן „נידער מיטן צאַר! נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט! זאָל לעבן די פרײַהייט". מיר זענען אַרײַן אין דעם הויז ווו מיר האָבן געוווינט אויפן צווייטן שטאָק. — קומענדיק אויפן ערשטן שטאָק, זאָגט גרשון צו מײַן מאַמען: „מומע, צוליב דער געדיכטער שיסערײַ וואָלט געווען בעסער, אַז מיר זאָלן ווײַטער נישט גיין, ווײַל דורכן אָפענעם פענצטער קען די פּאָליציי דערזען אַז עס גייען מענטשן אויף די שטיגן און אויף אונדז שיסן". „דו האָסט מיר אַרויסגעכאַפּט דאָס וואָרט פון מויל" — זאָגט מײַן מאַמע צו גרשונען. שטיל און אומבאַמערקט פון קיינעם דורכן הויז־פענצטער, שאַרן מיר זיך בײַ דער וואַנט צום ווינקל פון פענצטער און מיר זעצן זיך אויפן פּאָל. לאַנג האָט די שיסערײַ נישט אָנגעהאַלטן. עס איז געוואָרן רויִק און מיר זעצן פאַר דעם גאַנג צו אונדז אין שטוב אַרײַן.

„איך וואָלט געקענט טאָן דאָס זעלבע — זאָגט גרשון — וואָס איך האָב געטאָן אויפן הויף, ווען איך בין געלאָפן עפענען דאָס טויער. אויך איצט קען איך נישט פרעגן בײַ קיינעם און גיין מײַן וועג!" און נאָך איידער ער ענדיקט זײַנע רייד, אַז „דאָס וויל איך נישט טאָן, ווײַל איך וויים, אַז דו וועסט דערציילן דעם טאַטן און דאָס וועט אים ווייי טאָן. און ווייי טאָן וויל איך אים נישט. האָט מײַן מאַמע שוין פעסט געהאַלטן גרשונען אונטערן אָרעם און זי זאָגט: „איצט לאָז איך דיך שוין נישט אָפּ, דו מוזט גיין מיט מיר!" „איך וועל שוין אַנדערש נישט מאַכן — זאָגט גרשון — צוליבן נישט וועלן ווייי טאָן דעם טאַטן גיי איך מיט דיר, אָבער מיט איין באַדינג, אַז דו זאָלסט דעם טאַטן גאָרנישט זאָגן, וואָס עס איז מיט מיר פאָרגעקומען". מײַן מאַמע האָט גרשונען צוגעזאָגט און זי האָט געהאַלטן וואָרט. אַרײַנקומענדיק אין שטוב, איז צו אונדז צוגעלאָפן מײַן יִנגערער שטיפברודער דער דרײַיִאָריקער שלמה און פרעגט גאָרנישט, נאָר גיט אַ שטעק אַרײַן זײַן קינדערשע האַנט אין קיישל, וואָס מײַן מאַמע האָט געהאַלטן אין דער האַנט, כדי אַרויסצוכאַפּן עפּעס אַ נאַש צו טאָן. אַ ברוגזער כאַפּט ער צוריק אַרויס די האַנט פון ליידיקן קיישל און מיט אַרויסגעגלאָצטע אויגן פרעגט ער מײַן מאַמען: „מומע, דו האָסט גאָרנישט געברענגט צום עסן? יאָך בין אַזוי הונגעריק" — זאָגט ער מיט זײַן גאַנצער קינדערשער ערנסטקייט. מײַן מאַמע גיט אים אַ גלעט איבערן קעפּל און כדי צו באַרויִקן זײַנע קינדערשע נערוון, זאָגט זי צו אים: „אפשר וועט די זעמל־יִדענע באַלד קומען". און שלמה, צופרידן פון דעם צוזאָג, אַז עס וועט באַלד זײַן זעמל, גיט מיך אַ כאַפּ בײַ דער האַנט און שלעפּט מיך אין אַ זײַט און דערציילט מיר, אַז מען האָט אויפן הויף געשאָסן און אַלע האָבן זיך געמוזט באַהאַלטן, אַזוי ווי עס וואָלט פאַר מיר געווען אַ נײַעס. „הערשעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף אַ דערשראָקענער צוליב דער שיסערײַ — זאָגט שלמה צו מיר — און מען האָט אים מיט קיין שום שפּילערײַען נישט געקענט אײַנשטילן". מיטן פינגער ווײַזט ער מיר, אַז דער טאַטע וויגט אים כסדר און דאָס קינד האַלט אין איין וויינען.

פראדל די שכנטע האָט געזאָגט, אַז הערשעלע מוז האָבן די „פּלאַטשקע". וואָס איז דאָס „פּלאַטשקע"? — פרעג איך אים. — „יאָך ווײס אַלײן אָך נישט" — זאָגט שלמה.

מײַן שטיפטאַטע זיצט בײַם טיש מיטן צווענגל אין דער האַנט און בייגט די האָרנאָדלען, וואָס מען האָט בײַ אונדז אויסגעאַרבעט, און איין פוס האַלט ער אויף אַ האַלבקײַלעכדיקן פוס פון וויגל, אין וועלכן עס ליגט מײַן אָנדערהאַלבן יעריק ברודערל הערשעלע, וואָס וויל נישט שלאָפן און מען מוז אים כסדר וויגן. מײַן מאַמע גיט זיך אַ שווערן זעץ אַוועק אויף אַ שטול און זי באַווײַזט נישט אַרויס צו זאָגן די ווערטער „דערלאַנג מיר דאָס קינד", ווי ס'גיט זיך אַן עפן די טיר און עס קומט אַרײַן אונדזער שכנה פראדל גראַגער. מען האָט זי גערופן אַזוי, ווײַל זי האָט גערעדט שנעלער ווי אַ גראַגער. זי שטעלט זיך אַוועק לעבן מײַן מאַמען ווי אַ דעה־זאָגערן, מיט בײדע הענט אויף די זײַטן, איין פוס אַרויסגערוקט אויף פאָרויס און זי הייבט אָן גראַגערן — „וואָס מײַנען זי מיט זיך? יאָך וועל לויפן יעדע רגע אַכטונג געבן אויף אינס קינד? אינס מאַן, וואָס קען קאַ קאַץ דעם עק נישט צובינדן, און פון אומגײַן מיט אַ קינד איז דאָך אָפּגערעדט, ער ריפּט מאָך אַלע ווײַלע און פּראַדל־נאַר גײַט דאָ איבערלײַגן דאָס קינד, דאָ צושאָקלען דאָס קינד און ווען אינס הערשעלע האָט זיך איבערגעשראָקן פון דער שטאַרקער שיסעראַ אָפן הויף, האָט אים שוין קײַנער פון אונדז נישט געקענט אָננעמען! ער האָט געוויינט אָן אויפהער, און יאָך זאָב געמײַנט, אַז ער האָט חלילה געקריגן פאַרשפּעטיקטע פּלאַטשזעס, און זי זענען זאָך אַוועקגעגאַנגען אויף אַ פּאָר שעה און עס זרט אין גאָרנישט די שטיב? און נאָך אַזאַ פּראַ ווי זי, וואָס זענען אין די הויכע מאָנאַטן, וואָס אַ ליאַדע מעניט ראַכטן זי זאָך אין בעט אַראָן! יאָך על ענק זאָגן דעם אמת, אַז יאָך פאַרשטײַ נישט די האַנטיקע יינגע פּלאָנדרעס, און איצט אינס מאַן, ווען ער האָט געהערט די שיסעראַ און ווויסנדיק אַז זי זענען אין גאַס, איז ער דאָך שיִער פון זינען אַראָפּ, קלערנדיק פון אין". אַזוי האָט פראדל געגעבן אַ גראַגער אָפּ נאָך שנעלער ווי אַ בליק מיטן אויג. מײַן מאַמע, קענענדיק פראַדלען, אַז זי קען צוזאַמענשלעפּן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, האָט איר קיין מאָל נישט געענטפערט, אָבער דאָס מאָל, זײַענדיק אָנגעשטרענגט פון דער פריִערדיקער איבערלעבונג אין גאַס, האָט זי איר געזאָגט אין אַ שטרענגן טאָן: „פראדל, מישן זי זיך נישט אין יענעמס טעפּ!" פראדל, נישט ריכטנדיק זיך אויף אַזאַ ענטפער פון מײַן מאַמען, האָט אַ פאַרשעמטע אָנגעהויבן רעדן שטילער, אָבער מיט דער זעלבער שנעלקייט וואָס פריִער, גראַגערמעסיק. „זע נאָר — זאָגט זי — יאָך בין אויסן איר טובה און וויל זי לערנען, זאָגט זי, אַז יאָך מיש מאָך אין יענעמס טעפּ. טפוי זאָל עס ווערן! אַזוי איז אַלע מאָל, פאַר גוטס גיט מען אָפּ מיט שטײַנאָ, אַזאַ ייִנגע קאָזע זאָל מאָך אַזוי באַלײַדיקן!" און זי איז אַרויס פון אונדזער שטוב, געבנדיק אַ שטאַרקן פאַרקלאַפּ די טיר הינטער זיך.

מײַן שטיפטאַטע האָט צוגעפירט מײַן אָנדערטהאַלבן יעריקן ברודערל הערשעלע צו מײַן מאַמען און דאָס קינד האָט זיך פאַר פרייד שנעל געגעבן אַ כאַפּ אַרויף אויף מײַן מאַמעס שויס און איז איר גלײַך פאַרפאָרן מיט זײַנע קינדערישע הענטלעך אין די אויגן. ווי מיט דעם זאָל עס וועלן אויסדריקן די פראַגע, וואָס מיט ווערטער קומט עס אים אָן נאָך אַ ביסל שווער. „ווו ביסט דו געווען אַזאַ לאַנגע צײַט?" מײַן שטיפטאַטע האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מײַן מאַמען און ער פרעגט זי: „זאָג מיר, רבקהלע, ווו האָסטו געטראָפן גרשונען? דו געדענקסט דאָך — זעצט ער פּאָר, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער — די לעצטע עטלעכע נעכט ווו מיר זאָלן זיך נישט האָבן געפרעגט אויף אים, צוליב זײַן נישט אַהיים קומען שלאָפן, האָבן מיר נישט געקענט אין קיין פאַל זיך דערוויסן ווו ער געפינט זיך, און פּלוצעם איז ער אַליין אַהיים געקומען און נאָך מיט אַזאַ — ווער ווייסט פון וואָס פאַראַ קלאַפּ — בלויען פלעק אויפן פּנים און מיט נאָך אַ גרעסערן פלעק אין מײַן האַרץ. דיך דאַרף איך נישט פרעגן — זאָגט ער נאָך אַ פּויזע — ווו דו ביסט געווען אין דער גרויסער שיסערײַ, ווײַל מען דערקענט עס אין דיר צוליב דײַן אָנגעשטרענגטקייט, דײַן שווערע איבערלעבונג".

מײַן מאַמע ווענלנדיק אויסמײַדן אַן ענטפער, ווײַל זי האָט אַזוי צוגעזאָגט גרשונען, פאַרוואַנדלט דעם ענטפער אין אַ פראַגע און זי זאָגט צו מײַן שטיפטאַטן: „אברהם, ווו וועלן מיר איצט קענען כאַפּן אַ גמילות חסד? דו האָסט דאָך געהערט וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן מיר מיט פראדל גראַגער? נאָך אַזאַ לאַנגע צײַט, ווי פראדל גראַגער קומט צו אונדז אַרײַן אין שטוב, האָט זי מיר צום ערשטן מאָל געטראָפן אין אַזאַ געדריקטער שטימונג, אַז איך זאָל איר נישט־ווילנדיק ענטפערן שטרענג, פון וואָס איך האָב זיך שטענדיק אויסגעהיטן, אַז זי זאָל דאַרפן פאַרלאָזן אַ ברוגזע אונדזער שטוב? דאָס וועט זי זיכער איבערגעבן איר מאַן ר' שמואל „פּשיסוועבייגער" און ער וועט זיך זיכער וועלן אָפּרעכענען מיט אונדז פאַר דער שווערער באַליידיקונג קעגן זײַן ווײַב און דאָס ערשטע קען ער אָפּשטעלן דעם אַזוי נויטיקן פאַר אונדז גמילת חסד, וואָס מיר נעמען בײַ אים אַזוי אָפּט און דאָס קאָן זײַן אַ גרויסער קלאַפּ פאַר אונדז. מײַן שטיפטאַטע, שוין אַ ביסל אַ ברוגזער צוליב דעם אויסגעמיטענעם ענטפער פון מײַן מאַמען, הייבט זיך אויף פון פּלאַץ, ווו ער איז געזעסן און ער מורמלט אונטער: „וואָס גייט מיך אָן אין איצטיקן מאָמענט שמואל פּשיסוועבייגער מיט זײַנע גמילת חסדים? איצט אינטערעסירט מיך נישט מער ווי איין זאַך, צו דערוויסן זיך ווי גרשון איז אַזוי ברוטאַל צעשלאָגן געוואָרן און אפשר וועט דאָס זײַן אַ מיטל פאַר מיר אים צו קענען אָפּרעדן פון אַזעלכע נאַרישקייטן". משה!, גיט ער מיך אַ רוף און ער זעצט זיך אויף דער שלאָפבאַנק, ווי מיר האָבן די באַנק גערופן, ווײַל בײַ נאַכט ווערט זי אַ בעט צום שלאָפן פאַר גרשונען מיט שלמהנען. שוין האַלטנדיק מיך אויף זײַן קני, הייבט ער מיך אָן אויספרעגן פון אַלץ און פון אַלעמען און איך דערצייל מײַן שטיפטאַטן מיט אַלע איינצעלהייטן, וואָס עס איז אַלץ פאָרגעקומען מיט גרשונען. אַן איבערגעשראָקענער דרייט גרשון אויס דעם קאָפּ פון דעם שטול, ווו ער איז געזעסן מיטן פּנים צום פענצטער און אַראָפּ געקוקט אויפן הויף.

עס דערגייט צו אים דער אומגעריכטער רוף פון זײַן טאַטן: „גרשון, עס איז אמת דאָס אַלץ וואָס משה דערציילט פון דיר?" ערשט איצט האָט זיך גרשון אַרומגעזען, אַז ער האָט שלעכט געטאָן וואָס ער האָט נישט געמאַכט קיין אָפּמאַך מיט מיר, פּונקט ווי ער האָט דאָס געטאָן מיט מײַן מאַמען, אַז איך זאָל זײַן טאַטן גאָרנישט דערציילן, וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט. אָבער זעענדיק, אַז ער איז אַרײַנגעפאַלן און צוריקדרייען קען מען שוין נישט, נוצט גרשון אויס די געלעגנהייט מיט זײַן שנעלער האַנדלונג און ער מאַכט זיך „לעגאַל" בײַם טאַטן: „איך בין נישט לעגאַל אין גאַס, ווײַל איך כאָטש זײַן לעגאַל אין שטוב — זאָגט גרשון דרייסט צו זײַן טאַטן — און דאָס וואָס משה האָט דיר דערציילט איז אַלץ אמת". „אויב דו זאָגסט, אַז אַלץ איז אמת, וואָס משה האָט מיר דערציילט וועגן דיר — זאָגט מײַן שטיפטאַטע צו גרשונען — וויל איך דיך כאָטש זען, ווי אַזוי דו זעסט אויס אָנגעטאָן אין דער שוואַרצער בלוזע איידער מען פאַרשיקט דיך אין סיביר". גרשון, אַ שמייכלענ־

דיקער און א צופרידענער פון זיין טאטנס פארלאנג, פארלירט זיך נישט אויף קיין איין מאמענט און ער ציט ארויף אויף זיך די ארבעטער־בלוזע, ווארפט אראפ פון זיך דאס היטל און שטעלט זיך גלייך לעבן מיין טאטן. ער זאגט אים: „זעסט אז עס איז אמת". נישט קענענדיק ארויס רעדן קיין ווארט צוליבן אינערלעך־דערשטיקן געלעכטער, וואס מיין שטיפטאטע האט נישט געוואלט ארויסווייזן גרשונען, דרייט ער זיך אוועק אין א זייט און ער רעדט גארנישט. גרשון, דערפילנדיק דאס ווארעמע שמייכלען פון זיין טאטן, זאגט צו אים: „טאטע, איך וועל שוין מער קיין מאל נישט אנטאן קיין לאנגע קאפאטע". „ביי מיר אין שטוב נישט!" ענטפערט מיין שטיפטאטע מיט א הילכיק געלעכטער, וואס ער האט שוין מער נישט געקענט דערשטיקן אין זיך. ווען מיין מאמע האט אלעמען געהייסן זיך זעצן צום טיש, כדי עפעס איבערצוכאפן פון דעם וואס זי האט צוגעגרייט פון קליינעם זאפאס שטוב־פראדוקטן — א געשמאקע קאשעזופ באשמאלצן מיט געגליווערט שמאלץ — איז שוין געווען נאענט צו נאכט. מיין שטיפטאטע האט זיך נישט געקענט דעצידירן, צי זאל ער גיין צום טיש, אדער זאל ער ווארטן ביז נאך מנחה־מעריב. מיין מאמע באמערקט זיין לאגע און זי זאגט אים: „עס איז נאך פרי, דו וועסט נאך „דאנזשען" אפצועסן". ער כאפט א קוק אויף אונדזער גרויסן וואנטזייגער און ער זאגט: „דו ביסט גערעכט, עס איז נאך גענוג צייט צו מנחה!" און ער זעצט זיך צום טיש. מיין מאמע באמערקט עפעס נישט נארמאלעס אין מיר. זי לייגט צו איר האנט צו מיין שטערן און זי זאגט צו מיין שטיפטאטן: „אברהם, דאכט זיך, אז ער האט א ביסל היץ!" האט זיך אנגעהויבן א סדרה מיט טאפן מיר דעם קאפ. מיין שטיפטאטע, גרשון און שלמה, אלע האבן זיי מיר צוגעלייגט זייערע הענט צו מיין שטערן, אפילו מיין אנדערהאלבן יעריק ברודערל הערשעלע האט אויך אויסגעשטעלט זיין קליין הענטעלע צו מיין שטערן, אזוי ווי ער האט נישט געקענט דערלאנגען, האב איך געמוזט צופירן מיין קאפ צו זיין הענטל. אלע צוזאמען מיט הערשעלען האבן באשטעטיקט, אז איך האב היץ. מיין מאמע גייט מיט מיר אריין אין אלקער און זי לייגט מיך אין בעט אריין, זי זעצט זיך אויף א בענקל און לייגט ארויף אירע הענט אויף איר גרויסן בויך, פון וואנען עס איז מיר מיט א פאר וואכן שפעטער א ברודערל צוגעקומען, יאסעלע. זי הייבט אן רעדן צו זיך אליין, צווערשט אין דער שטיל, דערנאך אויפן קול: „אמעריקע האט זיך אים פארגלוסט! וואס איך האב אים אויסגעבעטן: פאר נישט קיין אמעריקע!, וואס פעלט דיר דא? דו האסט א גוטן פאסטן, דו פארדינסט ווייניק, אבער ווער פאדערט דען פון דיר מער? און אויב מען דארף מער, פארדין איך דאך אויך עפעס ביי די קראוואטן. אבער ער האט פון גארנישט געוואלט וויסן! אויף אלעם האט ער געהאט איין ענטפער: אין אמעריקע וועלן מיר זיך פארבעסערן אונדזער לאגע, מילא, האב איך קעגן מיין ווילן איינגעשטימט מיט אים. א ברירה האב איך געהאט? און דו, מיין טייער קינד, ווען דו ביסט אלט געווארן צוועלף טאג איז אנגעקומען א בריוו פון דיין טאטנס ברודער מיט דער פינצטערער בשורה, אז דיין טאטע איז געשטארבן. דערגרייכט זיין שטרעבונג צו זיין אין אמעריקע, אפגעמאטערט זיך דארט דריי מאנאט און איז געשטארבן אין דעם טרפהנעם לאנד! און איצט זיין קינד? וואס פארא לייט וועט עס זיין, ס'וועט אויסוואקסן אזא לייט ווי גרשון איז? ער וועט זיך חברן מיט אלע לאבוסעם, וואס רעדן זיך איין, אז זיי וועלן אראפווארפן דעם קייסער?"

ווער ווייסט ווי לאנג עס וואלט נאך אזוי אנגעהאלטן איר רעדן צו זיך אליין, ווען נישט הערשעלע, וואס האט איר איבער־

געשלאגן מיט זיין אריינקומען אין אלקער, און וואס שנעלער ער האט געוואלט צולויפן צו אונדז, אלץ לאנגזאמער איז עס ביי אים ארויסגעקומען, ביז ער איז מיט זיין קינדיש געלעכטער ארויפגעפאלן מיט זיינע הענטלעך אויף מיין מאמען. דער שטענדיק פרייַלעכער שלמה, וואס איז איצט נאך מער פריילעך צוליב זיין זאטקייט, איז אריינגעלאפן צו אונדז אין אלקער און נישט באמערקנדיק, ווי ער פארטשעפעט זיך אין זיין קאפאטע איז ער געפאלן, מיטשלעפנדיק מיט זיך דאס קליינע שענקל, ווו עס זענען געשטאנען די שבתדיקע לייכטער. דער גרויסער טראסק פון די לייכטער האבן אים געמאכט אויפשטעלן. ער כאפט א בליק אויף די אראפגעפאלענע לייכטער און ער באמיט זיך צו מאל נישט זיי אויפצוהייבן. ער לאזט אלץ ליגן און לויפט צו צו מיין בעט שפילן אין קאפ אדער שלאג, איז די מטבע שוין געלעגן אויפן פאל און שלמה לאזט אים ארויס פון שטוב, האט ער שוין זיינע חברים זיך צו שפילן, אבער איצט האט ער קיין אנדערע ברירה נישט, מוז ער אנקומען צו מיר. איך טראכט אפילו, ווי אזוי פאסט עס פאר א בחור פון דרייצן יאר זיך צו שפילן מיט א קינד פון פינף יאר? דערווייל נעמט ער ארויס פון דער קעשענע א רוסישע קאפיקע און מיט צוויי פינגער גיט ער איר א שנעל אין דער לופט. די מטבע דרייט זיך אין דער לופט מיט אזא שנעלקייט, ווי זי וואלט געווען געטריבן פון א מאטאר. איך האב נאך אפילו נישט באוויזן צו זאגן: „קאפ אדער שלאג, איז די מטבע שוין געלעגן אויפן פאל און שלמה גיט א פריילעכן געשריי: „דו האסט פארשפילט! גיב אהער א קנעפל". עס קומט צו גרשון צו מיין בעט און פרעגט מיך וואס איך מאך, אזוי ווי איך וואלט געווען אן אמתער קראנקער און נישט קיין איינגערעדטער פון מיין מאמען. „געדענקסט די אויסרופן פון די מאניפעסטאנטן?", פרעגט ער. איך לאך און ער דערמאנט מיך: „נידער מיטן צאר! זאל לעבן די פרייהייט!" און ווען ער זעט, אז מיין מאמע, וואס זיצט לעבן בעט, פראטעסטירט נישט פון זיין דערמאנען מיך זיין פריערדיקע איבערלעבונג, הייבט ער אן מיט מיר איינזינגען א לידל „שניידערס און שוסטערס האבן זיך געמאכט איין האנט, זיי האבן גענומען קוויטעלעך און געקלעפט אויף דער וואנט". „פארוואס לערנסטו אים נישט אויס א צווייט לידל — זאגט מיין מאמע אן אומצופרידענע פון גרשונען — דאס לידל, אז מען האט שוין אויסגעהרגעט אלע שטרייקערס און מען האט שוין נישט קיין מורא פאר זיי?"

עס ווערט נאכט, מיין שטיפטאטע פארהענגט אלע פענצטער מיט שמאטעס, אז מען זאל חלילה קיין שטיקעלע שיין נישט ארויס זען פון דעם קליינעם נאפט־לעמפעלע וואס מען האט אנגעצונדן און עס אוועקגעשטעלט אויף א בענקל און נישט אויפן טיש, כדי עס זאל נישט זיין ליכטיק אין שטוב, נאר אויפן פאל, צו זען בלויז דורכצוגיין, ווייל דער סטרוזש פון הויף האט אנגעזאגט, אז ווו עס וועט זיין ליכטיק וועט מען ארייַנשיסן. באלד קומט אויך צו מיין שטיפטאטע צו מיין בעט און ער לייגט צו זיין האנט צו מיין שטערן. ער פרעגט מיך וואס איך מאך. און נאך איידער איך האב באוויזן צו ענטפערן, זאגט ער: „אוודאי האט ער א ביסל היץ" און ער ווענדט זיך צו גרשונען אין א בייזן טאן: „זעסטו, גויטשיק, וואס דו ביסט! אלץ דורך דיר ליידן אזעלכע קליינע קינדער". גרשון, אן איבערראשטער פון זיין טאטנס גרויסער באליידיקונג, וואס ער הערט עס צום ערשטן מאל, האט געענטפערט דרייסט און אנטשלאסן: „טאטע, מיך אינטערעסירט גארנישט! עס מעג זיך זיין וואס עס וויל! איך וועל זיין איינער פון די אלע צו העלפן באפרייען די וועלט...

**ג. קופער**

# די „וואָלוווקע״ אין וואַרשע

אַ סך פון די פּוילישע ייִדן געדענקען נאָך געוויס די אַזוי כאַראַקטעריסטישע גאַסן אַרום „וואָיעננע פּלאַץ״ אין וואַרשע, וווּ עס איז געווען דער צענטער פון אַלטוואַרג־האַנדל. און פאַר די וואָס האָבן שוין פאַרגעסן, גיבן מיר איבער עטלעכע בילדער ווי אַזוי דער דאָזיקער האַנדל איז געטריבן געוואָרן.

די „וואָלאָווע״ האַנדלט נישט מיט קיין שום נײַע זאַך, זאָל גאָט אויסהיטן! ווער עס וויל זיך קויפן עפּעס נײַס, גייט נישט אויף דער וואָלאָווע און טאָמער פאַלט אַ מאָל אַרײַן צו אַ הענדלער פון וואָלאָווע אַ ביסל נײַע מלבושים, וועט ער זיי נישט פריִער אַרויסהענגען בײַ זיך אין קראָם צום פאַרקויף, ביז ער וועט זיי נישט מאַכן „אַלט״... מיטלען ווי אַזוי צו מאַכן אַלט האָט די וואָלאָווע אַ סך, אָדער מען נעמט אַ שטיקל גרינע זייף און מ׳שמירט אויס דערמיט דעם אונטערשלאַק, די אַרבל פון אינעווייניק, אָדער מ׳רײַסט אָפּ עטלעכע קנעפּ, מ׳לאָזט אויף אַ נאָט, אַזוי אַז ס׳זאָל אויסזען אַ ביסל פאַרעלטערט, אָפּגעטראָגן און ס׳זאָל ווערט זײַן אײַנצושטיין צווישן אַלע אַלטע בגדים פון דער וואָלאָווע.

די וואָלאָווע איז אַ שמאָל שלענגלדיק געסעלע מיט דעם אמתן אויסזען פון אַ ייִדיש געסל אין דער אַלטער געטאָ. די הײַזער זענען אַלטע, אָפּגעשיילטע; די קראָמען טונקעלע, קליינע, צו וועלכע מען מוז אַרויפגיין אויף עטלעכע טרעפּלעך. קיין שילדן הענגען נישט פאַר די טירן, נאָר כדי מ׳זאָל זען, וואָס עס איז אַלץ דאָ צו פאַרקויפן אין קראָם, ווערן אַרויסגעהאָנגען פאַר די טירן אַ פּאָר אַלטע אָפּגעבליאַקירטע פּלודערן, אַ פּאָר תחתונים פון עפּעס אַן אַלטן גענעראַל פון נאַפּאָלעאָנס צײַטן, אַ צעטרענטער וואַטענער שלאָפראָק מיט טערקישע בלעטער אויסגענייט, אַ ווײַבערישער קאַפּטאַן, אַ צעריבענע קאָלדרע, אַ נאַכטהעמד און אַ גרינלעכער צילינדער. בײַ דער טיר, צווישן גאַנצן פּאַק אַרויסגעהאָנגענע מלבושים, זיצט שטענדיק דער סוחר מיט זײַן פרוי, ער, דער סוחר, זיצט זיך מיט דער יאַרמלקע אויפן קאָפּ, מיט אַ פּאָר שטעקשיך אויף די פיס מיט די שפּאַקולן אויף דער נאָז, די נאָדל־פאָדעם אין האַנט. ער פאַרריכט עפּעס אַ גרינלעכע קאַפּאָטע, אונטערזינגנדיק זיך געלאַסן אַ שטיקעלע „כבקרת״ אָדער אַ „יעלה״ פון מחזור אַרויס. זי, די אַלטע זײַנע, זיצט לעבן אַ פייערטאָפּ, פּאָרקעט זיך צווישן אַ פּאַק שמאַטעס, בענדלעך און אָפּפאַל, וואָס ווערט אָפּגעקויפט אין די פאַבריקן און בײַ די שנײַדערס.

אַז מען גייט פאַרבײַ אַזאַ קראָם, קאָן מען מיינען, אַז דאָרטן איז נישטאָ פאַר קיין גראָשן סחורה און עס איז נאָר אַ וווּנדער, ווי אַזוי לעבן דאָס די מענטשן דערפון. נאָר אַז מען קוקט אַרײַן אינעווייניק, אין דער פינצטערער קראָם, באַווײַזט זיך אַזאַ מבול פון מלבושים, אַזוי פיל רעק, הויזן, וועסטן און קאַפּאָטעס וואַלגערן זיך אַרום אויף דער ערד (אויף וואָלאָווע האָט מען ליב האַלטן אויף דער ערד) כאָטש קלייד אויס דערמיט גאַנץ וואַרשע.

וואָס קריגט מען נישט דאָרטן! אי די פײַנע חסידישע אַטלעסענע קאַפּאָטע, וואָס גלאַנצט אַ מײַל פון דער ווײַטן, אי דעם עלעגאַנטן ענגלישן ספּאָרטקאָסטיום, טאַקע נאָר פאַר אַ גראַף, אי דעם לײַטישן בעל־הביתישן ראָק מיט די זײַדענע לאַצן, ספּעציעל פאַר אַ ייִד אַ מחותן, וואָס דאַרף פירן די ייִנגסטע טאָכטער צו דער חופּה, אי דעם האַלב־עלעגאַנטן האַלב־וואָליאָנגערישן קאָסטיום מיט די קרומע קעשענעס און קלאָשאָווע הויזן, וואָס דינסטמיידן באַקומען דערפאַר די זיבעטע נכפּה.

אויף דער גאַס, אויף די שמאָלע טראָטואַרן פאַר די קראָמען, דרייען זיך אַרום דאָס יונגוואַרג, די קינדער פון די הענדלערס און „כאַפּן יאָלדן״. מיט יאָרן צוריק האָבן זיי, די טאַטע־מאַמע, וואָס זיצן איצט און לאַטעווען קליידער, אויך אַרומגעקראָכן פאַר די קראָמען און געכאַפּט יאָלדן, געשלעפּט קונים קויפן „מציאות״, איצט זענען זיי שוין אויף דער עלטער, מעגן זיי זיך שוין זיצן רויִק פאַר די טירן און לאַטעווען. זייערע קינדער, וואָס זיי האָבן דערצויגן, זענען ייִנגער, קרעפּטיקער און געשיקטער פאַר זיי, די אַלטע, און די טאַטע־מאַמע כאַפּן אַלע ווײַלע אַ בליק צו זייערע געראָטענע קינדערלעך, באַוווּנדערן זייער פלינקייט, געשיקטקייט אין אַרײַנציִען „פרײַערס״ און זיי האָבן הנאה.

אָ, זיי מעגן הנאה האָבן. וואָרעם אויף וויפל אַ „כאַפּער״, אַ פּאָלעס־ציִער אויף נאַלעווקעס איז פלינק, בריהדיק, מעג ער גיין די שטיוול פּוצן צו אַ „כאַפּער״ פון דער וואָלאָווע. די הענדלערישע קינדער פון דער וואָלאָווע, דאָס זענען אמתע קינסטלער אין זייער פאַך. צווישן טויזנטער מענטשן, וואָס גייען פאַרבײַ די וואָלאָווע, וועט ער דיר גלײַך דערשמעקן דעם „יאָלד״, וואָס גייט זוכן מציאות, און וואָס אינטערעסאַנטער פון אַלץ איז דאָס, וואָס אויף וואָלאָווע זענען די ווײַבער, די טעכטער פון די וואָלעווער הענדלערס, הונדערט מאָל פלינקער, געשיקטער אין „אַרײַנכאַפּן יאָלדן״, ווי זייערע ברידער די מאַנסלײַט. דאָ, נאָר דאָ, האָבן די פרויען אַריבערגעיאָגט דעם מאַן, און ווײ איז דעם, וואָס פאַלט אַרײַן צו זיי אין די הענט אַרײַן!... אויב מ׳קען זיך נאָך אַ מאָל אַרויסדרייען, ווען מ׳פאַלט אַרײַן אין די הענט פון די וואָלעווער כאַפּערס, וועט מען זיך בײַ קיין פאַל נישט אַרויסדרייען ווען מ׳פאַלט אַרײַן אין די הענט פון די וואָלעווער כאַפּערקעס. זיי שרײַען אַזוי, מאַכן אַזאַ טומל, עסן

זיך אזוי איַין מיט די הענט און נאָך מער מיט די מיַילעכלעך, אז מען מוז גיין מיט זיי, וווּהין זיי זאָלן נישט פירן. ערשט אז „דער יאָלד" איז שוין אין קראָם, גיט זי אים איבער אין די הענט פון די „אָנמעסטערס" און פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר.

כדי צו זיַין אויף וואָלעווע אַן „אָנמעסטער" דאַרף מען האָבן א געבוירענעם טאַלאַנט, דאַרף מען זיַין געבוירן אויף דער וואָלעווע, אריַינזייגן אין זיך דעם גיַיסט פון דער וואָלעווע מיט דער מוטערס מילך. בקיצור, אַן „אָנמעסטער" נאָך ביַי דער מאַמען אין בויך.

וואָס איז דער פרינציפּ פון א וואָלעווער הענדלער? — נישט צו פּאַסן דעם מלבוש צום מענטש, נאָר דעם מענטש צום מלבוש... אויף אַנדערע גאַסן, אין אַנדערע מאַגאַזינען, זעט דער סוחר, אז ער זאָל צופּאַסן פאַרן קליִענט א מלבוש צו זיַין פיגור. קאָן ער נישט צופּאַסן, מוז דער קונה גיין ערגעץ אַנדערש. אויף וואָלעווע זעט דער הענדלער, אז דער „יאָלד", וואָס פאַלט צו אים אריַין, זאָל זיך מוזן צופּאַסן צו די מלבושים, וואָס ער האָט. טאָמער פּאַסט די פיגור פאָרט נישט צו, באַאַרבעט זי דער „וואָלעווער" אזוי, אַז זי מוז זיך צופּאַסן...

עס קומט אריַין אין א וואָלעווער קראָם אַן אַרבעטער, אַן אָרעמאַן, קויפן א קאָסטיום. דער וואָלעווער אָנמעסטער גיט אים א נעם דורך פון קאָפּ ביז די פיס, שאַצט אים אָפּ מיט זיַין וואָלעווער פּסיכאָלאָגיע, ווי אזוי און מיט וואָסערע מיטלען ער דאַרף מיט אים האַנדלען, און ער הייבט מיט אים אָן צו קאָמאַנדעווען. ווי קונצןמאַכער קאָמאַנדעוועט מיט זיַין מאַלפּע.

— א נו, פאַניע, גיט נאָר א מעסט אָן דאָס „קאָסטיוםטשיקל" — זאָגט דער אָנמעסטער גיך און גיט אויף אים א צי אַרויף א קאָסטיום וואָס שטאַמט פון א ביַיכיקן פאַרשוין און איז ברייט ווי א זאַק.

דער קונה פּאַרציט מיט דער נאָז:

— צו ברייט. נישט אויף מיַין מאָס, גיט מיר אַן אַנדערן.

— איר ווילט אַן אַנדערן, אַך, ביטע זייער — זאָגט דער „אָנמעסטער" און מעסט אים פון דעסט וועגן וויַיטער דעם זעלבן ברייטן קאָסטיום. ער שמייכלט פאַר זיך — א בהמה, א יאָלד — טראַכט ער וועגן קונה, וואָס דערציילט אים מבינות אויף קאָסטיומען, — אוודאי איז ער ברייט, נו איז וואָס, איז נישטאָ קיין מיטל צו דעם! — ער גיט דעם קונה א צי אויס ביידע הענט, שטופּט אים אַרויס פאָרויס די ברוסט, גיט אים עטלעכע בוכקעס אין די פּלייצעס אריַין, אזוי אז ער זאָל שטיין גליַיך, און בייזערט זיך אויף אים:

— פּעטש זענט איר ווערט... א מענטש האָט אַזאַ פיגור, א פיגור פון אַן אַטלעט, פון א טשעמפּיאָן, גייט ער אזוי, אז אַלץ „הענגט" אויף אים... גליַיך שטייט אזוי!... נו, וואָס, ברייט דער קאָסטיום, צי נישט... רעדט בעסער נישט קיין נאַרישקייטן, מ'וועט לאַכן פון איַיך... רעדט נישט!...

דער קונה באַטראַכט זיך און פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליַין. מאָדנע, וווּנדערט אים, דער קאָסטיום איז דאָך טאַקע גאָרנישט אזוי ברייט, ווי ר'האָט זיך אויסגעוויזן. אַרום אים שטייט דערוויַיל א גאַנץ רעדל פאַרשוינען און „מעסטן" אים. איינער הייבט אים די הענט, פּוצט אים די קנעפּ און וויַיזט:

— פאַניע, גיט נאָר א קוק אויף די קנעפּ... אויסלענדישע קנעפּ... בלויז זיי אַליין זענען א מציאה דאָס געלט...

א צווייטער גלעט אים די פּלייצעס, ציט אים ביַי די פּאָלעס, און האַלט אים אין איין וויַיזן די גרויסע מעלות פון די קעשענעס:

— זעט נאָר די קעשענעס, פאַניע... איר האָט שוין געזען א מאָל אַזאַ אַרבעט? אסור אויב אין פּאַריז זעט מען אַזעלכעס...

דער קונה איז שוין גאָר צעטומלט. נאָר ער קווענקלט זיך נאָך א ביסל, ווי מיט א מאָל פאַלט אריַין די זעלבע „כאַפּערקע", וואָס האָט אים אריַינגעפירט און אָנקוקנדיק אים „דערקענט זי אים נישט", און פרעגט ביַי די אַרומיקע:

— קינדערלעך, ווּו איז ערגעץ אַוועק דער קונה... אָט דעם, וואָס כ'האָב נאָר וואָס אריַינגעפירט?... אַלע אַרומיקע שטייען און שמייכלען מיט אַן איַינגעהאַלטענעם שמייכל. באַלד רופט זיך אָן דער אַלטער:

— משוגע מיַינע שונאים, אָט שטייט ער דאָך לעבן דיר, אָט אָ! דערקענסט אים נישט!...

— מאַמעלע — גיט די כאַפּערקע זיך א פּאַטש אין ביידע הענט — אסור, אויב איך האָב אים דערקענט...

זי קוקט זיך איַין אים איַין ,ווי זי וואָלט זיך וועלן איבערציַיגן, צי דאָס איז ער טאַקע, צי מ'נאַרט זי נישט אָפּ, און זי פּאַטשט מיט די ליפּן פון גרויס וווּנדער:

— וויי, וויי, וואָס א מלבוש מאַכט פון א מענטש... איר זעט דאָך אויס ווי א גראַף, טראָגט געזונטערהייט... אַזאַ יאָר אויף מיר, חוץ שוואַרץ, וואָסער סאָליד מלבוש דאָס איז...

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ סצענע בליַיבט שוין דער קאָסטיום אויפן אַרבעטער. ער גייט אַוועק א גליקלעכער מיט דער „מציאה" אונטערן אָרעם.

טאָמער איז דער קונה גראָד א פאַרשוין מיט ביינער און אַלע קאָסטיומען זענען אויף אים צו שמאָל, האָט די וואָלעווע אויך אַן עצה. קודם כל הייבט דער אָנמעסטער אויף א קני און פאָרט אים אריַין, דעם קונה, אזוי אין בויך אריַין, אַז יענער ציט זיך צונויף ווי א שלאַנג. דערנאָך ציט ער אים די הענט, קוועטשט אים די אַקסלען און רעדט דערביַי, שיט מיט ווערטער ווי פון א געלעכערטן זאַק אַרויס.

— וואָס ווילט איר, א זאַק ווילט איר? פּויערן טראָגן ברייטע קאָסטיומען. אַן אינטעליגענטער מאַן, א שטאָטמענטש גייט אין געפּאַסטע קליידער... וואָס, נישט אזוי?... — גיט ער א פרעג ביַי די אַרומיקע אין קראָם.

— א פראַגע דאָס איז — ענטפערן אַלע און רינגלען אים אַרום. נאָר אַז דער „יאָלד" באַשטייט נאָך אַלץ נישט, פירט מען אים אַוועק צום „שפּיגל" זיך שפּיגלען.

אויף וואָלעווע הענגען ספּעציעלע שפּיגלען. ערשטנס, אַז מ'קוקט אריַין אין א שפּיגל קען מען קיין מאָל נישט וויסן גענוי ווי אזוי מען זעט אויס. פון איין מענטש ווערט אין שפּיגל צוויי און דריַי מענטשן. אויסער דעם ברענט דערלעבן א רויטלעכע גאַזלאָמפּ, אזוי אַז וואָסערע שמאַטעס מ'זאָל נישט אָנטאָן, זעט מען אויס אין דעם שפּיגל ווי א חתן־בחור...

אויב דער קונה דרייט נאָך אַלץ מיט דער נאָז, איז פאַראַן נאָך א מיטל. מיט א מאָל פאַלט אריַין דעם סוחרס וויַיב אָדער די טאָכטער און דערזעענדיק דעם קונה אין אַן אָנגעמאָסטענעם קאָסטיום, מאַכט זי א טומל:

— וואָס, דעם קאָסטיום האָסטו פאַרקויפט? — כ'וועל עס נישט דערלאָזן, דער קאָסטיום איז שוין צוגעזאָגט אַ שטענדיקן קונה... מ'זאָל מיך אָפּגילטן, וועל איך נישט ברעכן מײַן וואָרט... מיר זענען נישט אַזעלכע מענטשן... אַ וואָרט איז בײַ אונדז הייליק.

דער הענדלער בלײַבט שטיין מיט אַ פּאָר „דערשראָקענע אויגן:

— קרוין מײַנע — בעט ער זיך בײַם ווייב — כ'האָב נישט געוווּסט... איך האָב עס שוין פאַרקויפט דעם מענטש, ווי אַזוי טוט מען עס אים צוריק אויס...

די ייִדענע קאָכט זיך ווײַטער. זי טענהט:

— מײַן וואָרט איז בײַ מיר גאָלד... דײַן וואָרט גייט מיך נישט אָן...

ער טענהט פאַרקערט:

— מײַנס אַ וואָרט איז וויכטיקער... איך בין אַ מאַנספּאַרשוין... אַ פרויס אַ וואָרט איז נישט אַזוי שרעקלעך... קיין בריקן קען מען דערויף נישט בויען...

דערהערנדיק דאָס קריגערײַ, דאָס אַרומרײַסעניש צוליב זײַן קאָסטיום, מיינט דער נאַיִווער קונה, אַז ער האָט געכאַפּט אַ מציאה און ער מישט זיך אויך אַרײַן:

— ס'איז נישט סוחריש אַזוי... געקויפט איז געקויפט, דעם קאָסטיום גיב איך נישט צוריק.

נאָך גרויסער מי, הערן זיך מאַן און ווײַב אויף צו קריגן, און דער „יאָלד" אַנטלויפט מיטן גליק ווי מיט אַ גנבה...

נישט אַלע מאָל לאָזן די וואָלעווער הענדלער אַזוי גיך אַרויס אַ קונה פון זיך. אַז דער „יאָלד" האָט שוין געקויפט אַ קאָסטיום, און די „וואָלעווער" דערפילן אַז ער האָט נאָך אַ ביסל געלט אין קעשענע, הייבט מען אים אָן נאָך אַ מאָל נעמען אויפן צימבל. צו ערשט גייט צו די סוחרטע און גיט אַ וואָרף אַרײַן אַ וואָרט:

— צו אַזאַ נײַעם קאָסטיום וואָלט איר נייטיק דאַרפן האָבן אַ פּאָר אַנדערע שיך... אויף די שיך וואָס איר טראָגט, קאָנען זיך גאָרנישט אָנזען די הויזן...

— און פאַר וואָס פונקט שיך — וואַרפט אַרײַן אַ צווייטער — צו אַזאַ קאָסטיומטשיקל וואָלט נישט אויסמאַכן טאַקע צו קויפן דעם פײַנעם הוט... אַ העמד און אַנדערע...

איידער דער קונה באַווײַזט זיך אומצוקוקן, ליגן שוין פאַר אים שיך פון פאַרשידענערליי קאָלירן און פאַסאָנען, היטן, היטלען, העמדער, קראַוואַטן, איין מציאה גרעסער פאַר דער אַנדערער. ווילנדיק נישט־ווילנדיק דרייט מען אים אַרײַן פאַרשידענע מציאות. ביז מען דערפילט, אַז ער איז שוין אָן אַ גראָשן בײַ דער נשמה און מ'לאָזט אים אַרויס אויף גאָטס פרײַער וועלט.

---

דער גרעסטער יאַריד אויף וואָלעווע איז פּסח־ און סוכות־צײַט, איבער הויפּט חול־מועד. די וואָלעווער יונגען און מיידן צערײַסן זיך שיִער נישט:

— ר' ייִד אַהער! ר' ייִד, קומט אַרײַן ,וועלן מיר אײַך אויספּוצן אין די פײַנסטע זאַכן.

שיין איז ווי ס'קומט אַ חסידישער ייִד קויפן אַן אַטלעסענע קאַפּאָטע צו פאָרן צום רבין און האַנדלט גאָר אײַן אַ טוכענע ליטווישע קאַפּאָטע מיט טאָפּלטע קנעפּ און מיט בענדלעך אַרום די אַרבל. אַזאַ חסידיש ייִדל איז אַ בייזער. ער ווייסט אַז די וואָלעווער זענען די אמתע חברה־לײַט און ער האַלט זיך פעסט:

אַן אַטלעסענע קאַפּאָטע האָט איר? — פרעגט ער מעשה סוחר און שטייט גרייט מיט אַ פוס צו אַנטלויפן...

— איינע! — ענטפערט דער סוחר — אַזוי פיל מכות זאָלן זיך זעצן מײַנע שונאים אויפן האַלדז... וויפל אַטלעסענע קאַפּאָטעס דורך מײַנע הענט זענען דורכגעגאַנגען...

אין עטלעכע מינוט אַרום מעסט דער סוחר אָן דעם חסידישן ייִדן אַ ריפּסענע קאַפּאָטע מיט אַ שפּאַלט פון הינטן.

— וואָס גיט איר מיר! שרײַט דער ייִד — איך וויל אַן אַטלעסענע... אַן אַטלעסענע...

— שאַ,שאַ, שאַ — באַרויִקט אים דער סוחר, איר ווילט אַן אַטלעסענע, איז אַן אַטלעסענע... מיר איז אַלץ איינס... נאָר וואָס האָט איר מורא אָנצומעסטן אַ ריפּסענע, שיינע קאַפּאָטע... זי וועט אײַך נישט אָפּבײַסן, חלילה, און אַ קאַפּאָטע איז עס, איז טאַקע נאָר אַזאַ יאָר אויף מיר מיט אײַך צוזאַמען...

יאַך מיט אײַער ווײַב זאָלן מיר אַזוי לעבן...

דער ייִדל בייזערט זיך, שרײַט, און די חברה וואָלעווער מעסטן אים, טוען אים אָן אין הונדערטער קאַפּאָטעס און ווערטער שיטן זיך:

— אַן אַטלעסענע קאַפּאָטע איז נאָר אויף יום־טוב בײַם רבין. אַ ריפּסענע קאַפּאָטע קען מען גיין אי אויף אַ חתונה, אי אויף אַ ברית, אי אויף אַ שימחה, אי צו געסט. וואָרעם אַ ריפּסענע קאַפּאָטע איז דאָך שיין, אײַזן־שטאַרק, און אַטלעס צעפאַלט, צעטעפּעט זיך... הײַנט די סחורה, דער שניט... די קנעפּ... דער הענגער...

פאַרשטייט זיך אַז דעם ייִדל העלפט נישט קיין שום זאַך. ער מעג טויזנט מאָל שרײַען „אַן אַטלעסענע וויל איך" און גייט אַוועק מיט אַ ריפּסענער ליטווישער קאַפּאָטע... אַ סך מאָל קומט צו סקאַנדאַלן. נישט איין מאָל טרעפט זיך, אַז אַהיים קומענדיק מיט דער מציאה דערזעט ערשט דער קונה, ווי מ'האָט אים „אַרײַנגעפּרײַערט". ערשטנס האָט אַ מלבוש פון דער וואָלעווע אַ טבע זיך צו בײַטן איבערן וועג. אין קראָם איז דאָס מלבוש געווען בלוי, און אין דער היים ווערט ער גלײַך געל אָדער גרין אָדער ס'האָט גאָר אַזאַ קאָליר ,וואָס איז נישטאָ אין קיין שום שפּראַך נאָר אין ייִדיש — מיתה־משונה־קאָליר. אַ סך מאָל טרעפט, אַז אַ מלבוש, וואָס האָט אויף וואָלעווע געגלאַנצט, איז ווי נאָר מ'קומט דערמיט אַ היים, איז ער פול מיט פלעקן, פאַרלאַטעט, צעגעסן פון מילבן, צעלעכערט. מערסטנס טרעפט עס בײַ הויזן און דווקא נישט אויף קיין שיינעם אָרט. אויף וואָלעווע רופט עס זיך אַ „פּאָר הויזן מיט פענצטער", אָדער אַ „פּאָר הויזן וואָס מ'זעט פּראַגע"... דער קונה לויפט צוריק, מאַכט אַ גוואַלד — גנבים, שווינדלערס!...

נאָר די „וואָלעווער" ווערן נישט שטאַרק נתפּעל דערפון. — איר ווילט נישט — זאָגן זיי — איז נישט. צאָלט צו עפּעס, וועט מען אײַך אויסבײַטן אויף אַנדערע.

איצט קוקט שוין דער קונה גוט, ער באַטראַכט יעדן נאָט און קומט אַהיים אַ צופרידענער. אָבער ווי נאָר ער קומט צו זיך אין שטוב, דערזעט ער ווידער אַז איין צרה איז ערגער פון דער צווייטער.

יאָ, אַזאַ טבע האָבן שוין די מלבושים אויף וואָלעווע, וואָס אין קראָם זענען זיי שיין און איבערן וועג ווערן זיי מיט צענדליקער יאָרן עלטער. דאָס איז דער כישוף פון דער וואָלעווע.

יוסף סקורניק (בוענאָס־איירעס)

# אָכאָטע

פאַר אַנקומענדיקע פון ראַדאָמער און גריצער טראַקט איז די פאַרשטאָט גראָיעצקאַ־אָכאָטע געווען די ערשטע גאַס וואָס פירט קיין וואַרשע. פון איר ענדפּונקט האָט זיך פון איין זײַט אָנגעהויבן די טאָוואַראָווע־גאַס און פון דער אַנדערער זײַט די אַלייע יעראָזאָלימסקע. פאַר די אַרויספאָרנדיקע פון וואַרשע איז עס געווען די לעצטע גאַס פון פוילנס מעטראָפּאָליע, און נישט מער. דאָך האָט זיך די לאַנגע און ברייטע גראָיעצקע־גאַס, מיט די קורצע זײַטיקע געסלעך וואָס האָבן אין זייער ענדפּונקט געהאַט דעם מאָקאָטאָווער פּליפּלאַץ פון איין זײַט און דורכגאַנגגוועגן צו וואָליע אין דער צווייטער זײַט, — זייער אַ סך זיך אונטערגעשיידט פון וואַרשע. איין שפּאַן דורכט זיך פון ענדע גראָיעצקע ביזן אָנהייב טאָוואַראָווע, און שוין זענען די לופט, די סביבה און אויסשפּראַך אפילו געווען אַנדערע.

די פרײַע פעלדער מיט די פּאַליענדיקע תבואה־זאַנגען, די אַזוי גערופענע „גליניאַנקעס", אין וועלכע חברה פלעגן שווימען, די גרעסערע און קלענערע סעדער אין און אַרום אָכאָטע, ווײַטער אַרויפצו די סענקאַטשינער וועלדער, — דאָס אַלץ האָט פּסיכיש געווירקט אויפן אָכאָטער מענטש. די רחבות פון דער נאַטור האָט דעם גלייביקן געמאַכט פאַנאַטישער, דעם דרייסטן פאַרהפקרט און דעם טרוימער מער פאַרחלומט. די פּנימער בײַ די אָכאָטער זענען געווען מער פאַררויטלט און אָפּגעברענט ווי בײַ די וואַרשעווער, די באַוועגונגען — פרײַערע און האַסטיקערע. די אָכאָטער האָבן געהאַלטן אַז זיי רעדן אַ בעסערן ייִדיש ווי די וואַרשעווער און טייל מאָל געלאַכט פון דער ספּעציפישער וואַרשעווער אויסשפּראַך. אַנשטאָט „קליסקאַלאָך מיט מילאָך", ווי ס'פלעגן זאָגן די וואַרשעווער, האָבן די אָכאָטער געזאָגט „קליסקאַלעך מיט מילעך", אאַ"וו.

דאָס ערשטע פאָלקסהויז אין אָכאָטע האָט זיך געגרינדעט אין די יאָרן 1924—1925. דאָרט האָבן זיך צונויפגעטראָפן מיידלעך מיט בחורים און צוזאַמען געזונגען ביליקע סענטימענטאַלע ליבעלידער, געשפּילט אין „פלירט". דאָס דאָזיקע הויז איז געווען דער פונדאַמענט פאַר דער שפּעטערדיקער אַלגעמיינער „פּרץ ביבליאָטעק", וואָס אירע גרינדערס זענען געווען ד"ר י. ל. צאָמבער, לאָזער צימלעך, כיל פּײַוול פּאָגעל, לייזער ווײַנאַפּעל, מנשה סקורניק א"אַ.

דעם צעלאָזענעם און פּוסטן געדאַנק האָבן אָנגעהויבן צו צוימען די ביכער און זשורנאַלן, וואָס האָבן געמאָנט, געפּאָדערט און אויפגעקלערט. די יוגנט פון אָכאָטע איז פון טראַכטן אַריבער צו מעשים, געדאַנקען האָבן זיך אויסגעקריסטאַליזירט און יעדער איינער האָט זיך אויסגעקליבן זײַן אידעע. עס זענען געווען בונדיסטן, קאָמוניסטן און ציוניסטן. עס זענען אויפגעקומען אידעיִשע און פּאַרטייִשע וויכוחים און רײַסערײַען אין דער ביבליאָטעק. בײַ די יערלעכע וואַלן צו דער פאַרוואַלטונג האָבן שטענדיק געהאַט די מערהייט די צום מערסטן גערעכטע און דערפאַר טאַקע די צום שטאַרקסטן געהאַסטע און פאַרפאָלגטע — די „לינקע". דאָס אַלץ איז נוגע געווען דער ביבליאָטעק. אָבער די פעלדער און בערגלעך וואָס הינטער אָכאָטע, די ביכער, טרוימען און קרעפטיקע געזאַנגען האָבן זיי אַלעמען פאַראייניקט אין איין האַרציקער חברישער גרופּע. די קוזשמער בערג און די צעשאָטענע וועלדלעך אויף זיך האָבן אײַנגעזאַפּט אַ סך בשותפותדיקע חלומות און די מלאָטשינער וועלדער האָבן ווײַט פאַרטראָגן דעם עכאָקלאַנג פון די האָפערדיקע געזאַנגען, און אים אַראָפּגעקײַקלט צו די וואַסערן פון דער ווײַסל, ווו די געזאַנגען זענען צעשווומען געוואָרן אין די דאָרפישע פאַרנאַכטן.

די אָפטע אויספלוגן און די חברישע באַנעמונג האָבן צוגעצויגן אחוץ דער אַרבעטער־יוגנט אויך די יונגע גאַסן־הענדלערס, וואָס האָבן צוליב דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט געמוזט זוכן אַנדערע פּרנסות, האַנדלען מיט פּרוכט, פלעשער, אַלטע אײַזנס און שמאַטעס. דאָס זענען געווען פּראָסטע, הפקרדיקע יונגען, וועלכע האָבן זיך געטוליעט צו דער אינטימער וואַרעמקייט און אויפקלערערישן וואָרט פון די חברים פון דער ביבליאָטעק.

מיטן אויסנאַם פון אַ געוויסער צאָל שוסטערס, שנײַדערס און בעקערס, האָבן די אָכאָטער ייִדישע איינוווינערס געהאַט דרײַ ספּעציפישע פּרנסות: קרעמערס, קצבים און סאַדאָווניקעס. דאָס איז נוגע געווען דעם עלטערן דור. די יוגנט אָבער האָט מיט ציין און נעגל געקעמפט מיט אַלע מעגלעכקייטן און באַמיט זיך אַרויסצורײַסן פון די מנחם־מענדל־פאַכן.

קיין אַנטיסעמיטישע און כוליגאַנישע מעשים זענען אין אָכאָטע נישט געטאָן געוואָרן. די פּוילישע מויערערס און ציגעלניע־אַרבעטערס און די ייִדישע באַוווסטזיניקע יאַטן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט איין געמיינזאַמען כוח, פאַר וועלכן די פּאַשיסטישע כוליגאַנישע סטודענטן האָבן מורא געהאַט, כאָטש זיי האָבן אין די הונדערטער געווימלט אין די אַקאַדעמישע הײַזער אין אָכאָטע גופא. דאָס פאַרמלחמהדיקע פּוילן, וואָס האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די ווינקעלעך פון וועלכע ס'האָט זיך פאַרשפּרייט ליכט און באַוווסטזײַן, האָט צוויי יאָר פאַרן אויסבראָך פון דער לעצטער מלחמה צוגענומען די לעגאַלקייט און געשלאָסן די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, וועלכע איז שוין אין גאַנצן געווען באַווירקט פון די „לינקע". די גאַס און די שטיבער האָבן ווײַטער אָנגעהאַלטן די קרעפטיקע און חברישע באַציִונגען צווישן דער באַוווסטזיניקער און טײַערער אָכאָ־

טער חברה. אַזוי האָב איך זיי פאַרלאָזן אין אַ האַרבסטיקן טרויע־ריקן פרימאָרגן פון 1939.

טרויעריקע זענען שוין געווען אַלע דעמאָלטיקע פרימאָרגנס. צעשראָקענע ייִדישע בליקן האָבן דורך שפּאַרעס פון פאַרהאַנגענע פענצטערס נאָכגעקוקט און נאָכגעפּאָרשט די שווערע באַשטיוולטע טריט פון די דײַטשע וואַנדאַלן, וואָס אין שוואַרצע און אין טונקל־ברוינע מונדירן האָבן זיי פאַרפלייצט די אָכאָטער טראָטואַרן. אַזוי האָט אויסגעזען אָכאָטע ווען איך האָב זי פאַרלאָזט.

גאָר אַנדערש האָב איך געטראָפן מײַן היימאָרט, ווען איך בין צוריקגעקומען פון ווייטן קאַזאַכסטאַן, אין די עשאַלאָנען מיט הונ־דערטער טויזנטער געראַטעוועטע פּוילישע ייִדן.

וויפל איך האָב געוווּסט פון הערן, לייענען און שמועסן מיט רויטאַרמייִשע אינוואַלידן וועגן גרויל און חורבן, איבער הויפּט פון ייִדישן פּוילן, האָב איך מיר נישט געקאָנט פאָרשטעלן דאָס בילד וואָס אָכאָטע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אין פרילינג 1946.

כ'האָב אָבער אָנגעהויבן באַנעמען די גרויסע טראַגעדיע, ווען איך האָב אָנגעקוקט מײַן אַמאָליקן אָכאָטע און זיך אײַנגעהערט אין דעם גביעת־עדות פון מײַנע אַמאָליקע פּוילישע חברים.

ס'האָט געגנוג דערשיטערט דער טרויעריקער אויסזען פון דער לאַנגער גראַיעצקער גאַס, פון וואַנען עס זענען פאַרשווּנדן די גע־מויערטע הײַזער. די אײַנגעפאַלענע דעכער און ווענט, וואָס זענען אין מיליאָנען טאָנען געלעגן אין בערג פון צעשאָטענע ציגל, פאַר־סאַזשעטע פון פײַער און רויך, פון וועלכע ס'האָט אַרויסגעשפּאַרט גאַנצע הויפנס פון ווילדן גראָז און שטעכיקע קוסטעס, האָבן אָנ־געוואָרפן אַן אימה. און וואָלט דען פאַר מיר געווען אַ טרייסט אפילו ווען איך טרעף די אַלע הײַזער גאַנצע און גלײַכע ווי אַ מאָל, אַז די אַלע ייִדישע משפּחות וואָס האָבן זיי באַוווינט?

פון דער גאַנצער עדה ייִדן האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט אַ פינף, זעקס יונגע מענטשן. פון אַלע אָכאָטער אײַנוווינערס איז געבליבן אין איינציקע גאַנצע משפּחה, און דאָס איז אַ דאַנק זייער אַנט־לויפן קיין רוסלאַנד. דאָס איז די פאַמיליע פונעם אַלטן סאַראָוויניק בעריש סקורניק.

כ'האָב געוואַנדערט צווישן חורבות, זיך נאָכגעפרעגט אויף דעם, אויף יענעם, און געפּרוּווט אויפלעבן אין מײַן זכרון די טײַ־רע, שיינע און געזונטע טיפּן פון מײַן געבוירן־אָרט.

איך שטיי בײַ אַ חורבה אין געוועזענעם צענטער פון דער אַמאָליקער געדיכטער ייִדישקייט. דאָס גרויסע דרײַשטאָקיקע הויז האָט באַלאַנגט צו דער פאַרצווײַגסטער ייִדישע משפּחה אין אָכאָטע, צו דער פאַמיליע ראַוויטש. ראַוויטש איז געווען דער סינאָנים פאַר די מלוכישע אָדער פּאָליציייִשע ענינים. פאַר די אײַנוווינערס פון אָכאָטע זענען דאָס געווען די „דזוואָנצעס" (פון פּויליש וואָרט „דזוואָניטש", קלינגען) און אָכאָטע האָט טאַקע מיט זיי געקלונגען. רײַך אין געלט און אין מענטשן, האָבן זיי צוזאַמען מיט די זין, טעכטער, אייניקלעך און אוראייניקלעך געציילט קרוב צו צוויי הונ־דערט מאַן. פילפאַרביק איז געווען די דאָזיקע פאַמיליע, צווישן וועלכער ס'האָבן זיך געפונען גרויסע לערנערס און גערער חסידים, אויפגעקלערטע ציוניסטן, פּראָסטע קצבים־יונגען, און צווישן די ייִנגע אייניקלעך האָבן זיך געפונען גוטע אַרבעטער־עלעמענטן און וווילע חברים־טוערס. אויסער איין ראַוויטש וואָס געפינט זיך אין אַרגענטינע, האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט צוויי אייניקלעך, איינער פון אַשוויענטשימער לאַגער און דער צווייטער אין ראַטן־פאַרבאַנד.

פון די איבעריקע „דזוואָנצעס" איז קיינער נישט געבליבן... שטייט די חורבה פון אַמאָליקן לעבעדיקן און רוישנדיקן דרײַשטאָ־קיקן קאַסטן, די ווינטן וואָיען אַזוי אומהיימלעך און טראָגן אַוועק אין דער פאַרגעסנקייט דאָס לעצטע פון אַמאָליקן לעבן.

און אָט געפין איך זיך בײַ אַ קלענערער חורבה, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן איינשטאָקיק הויז און האָט געהערט צו פײַוועלע פעלערמאַן, אַ רײַכער אָנגעזעענער ייִד אין אָכאָטע. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע בעקערײַ און אַ געשעפט אינעם זעלביקן הויז. גערופן האָט מען אים פײַוועלע „בענקאַרט", צוליב זײַן דורכ־געטריבענער קלוגשאַפט. אַזוי רײַך ווי ער איז געווען אין אָכאָטע, אַזוי אָרעם איז ער געווען אינעם געטאָ, און בפועל ממש אויסגע־גאַנגען פון הונגער צוזאַמען מיט זײַן גאַנצער משפּחה, אחוץ איין זון וואָס האָט באַוויזן צו אַנטלויפן אין ראַטן־פאַרבאַנד (הײַנט גע־פינט ער זיך אין ישראל). אין זעלביקן הויז האָט אויך געוווינט יאָסל „פראַנקיעוויטש" אָדער יאָסל גאָלדשמיד. אַ קליינע פאַמיליע, אָבער די הערצער אַזוי גרויס און טײַער, אַז די גאַנצע בעסערע יוגנט פון אָכאָטע האָט זיי אַרומגערינגלט, זיי געליבט און געשעצט. די געפּלאָגטע טײַערע יאָטן, וועלכע האָבן זייער גאַנץ לעבן און ענערגיע געווידמעט דעם בעסערן מאָרגן, און זענען בסדר פאַר־פאָלגט געוואָרן מצד דער פּאָליציי, האָבן אין דער ענגער וווינונג פון דעם ברוינאַוויגיקן און גוטמוטיקן יונג, שטענדיק געפונען אַ וואַרעם און זאַטן ווינקל; ס'האָט זײַן טײַערער און גוטער כאַראַק־טער נישט אָפּגענאַרט.. . ווען מ'האָט זײַן גוטע און אײדעלע פרוי (אײדל) און זייער איינציקן זון (פיניעלע) דעפּאָרטירט אויף אומ־קום, האָבן חברים פון דער אונטערערד יאָסלען געוואָלט אַרויסראַ־טעווען פונעם געטאָ, ווו ער האָט געאַרבעט ווי אַ גוטער פאַכמאַן, — אין די מעכאַנישע וואַרשטאַטן. מ'האָט שוין געהאַט צוגעגרייט פאַר אים אַן אַרישן פּאַס, אָבער יאָסל האָט קאַטעגאָריש אַלץ אָפּ־געוואָרפן, ווײַל ער האָט באַשלאָסן צו בלײַבן מיט די וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן צוצוגרייטן דעם אויפשטאַנד אינעם וואַרשעווער געטאָ.

ווער איז געבליבן, און ווער וועט דערמאָנען אַזעלכע טײַערע חברים, וואָס זענען אַדורך דורכן לעבן אַזוי קעמפעריש און מוטיק, אַזוי שטיל און באַשיידן? איך זיץ אויף אַ הויפן ציגל און הער זיך צו צו דער פײַערלעך־טרויעריקער שטילקייט וואָס טראָגט זיך פון די חורבות. דאָ אויף דעם אָרט האָט אַ מאָל געוווינט סראָל ביק (וואָלף). דאָס איז געווען אַ הויכער ברייטפּלייציקער ייִד, אַ הדרת־פּנים, אַ געוועזענער גרויסער לערנער וואָס האָט זיך שפּעטער אײַ־בערגעדרייט צוזאַמען מיט זײַנע פיר פעסטע און געזונטע יונגען — פון וועלכע איינער, שמואל יאַנקל, איז געהרגעט געוואָרן אין אַן ערשטער־מײַ־דעמאָנסטראַציע — און איז אַוועק צו דער רעוואָלו־ציאָנערער אַרבעטערשאַפט. ווו זענען זיי אַלע אהינגעקומען? ווי אַזוי האָבן זיי זיך אויפגעפירט אין די לעצטע מאָמענטן פאַרן שויד־דערלעכן אומקום? ווער וועט וועגן זיי דערציילן?

אַ באַהערשטער פון אומעטיקע געפילן שפּאַן איך איבער בער־גער און גריבער, און זוך דאָס הויז ווו איך האָב אַלע מײַנע יאָרן געלעבט און געהאָפט, געקעמפט און געטרוימט. אָבער עס ציט מײַן אויפמערקזאַמקייט אַ גאָר גרויסע חורבה. דאָ אויפן דריטן שטאָק האָט געוווינט דער אַלטער אָכאָטער רב, וועלכער האָט געשמט ווי אַ גאָר גרויסער למדן און קלוגער ייִד. איך געדענק אים שטענדיק אין באַגלייטונג פון ברוך שמש, אַן איביק הונגעריקער, פריילעכער לץ. די גאַס האָט זיי גוט געקאָנט און גויִים האָבן מיט דרך־ארץ זיי אָפּגעטראָטן דעם וועג. די געדיכטע לאַנגע באָרד פונעם רב, אַ

ברוין פארגעלטע, האט דוכט זיך פארמאגט מער שמעקטאבעק און ביליקן רייכער־טיטון ווי אן אכאטער קרעמל פון דעם ארטיקל.

ענדלעך דערקען איך די חורבה וואס האט מיט זיך פארגעשטעלט א מאל דאס צווישטאקיקע הויז פון אנטאני וואלסקי, אין וועלכן איך האב געוווינט ביזן אויסבראך פונעם קריג.

אין הינטערגרונט איז דא א מאל געשטאנען א יונג סעדל פון בארן און עפל. אין דעם סעדל האט דער ווירט געהאדעוועט און געווארעמט אונטער „ספעקטן" (גלעזערנע דעכער) פארשידענע בלו־מען. און דא האט דער יונגער וואלסקי געמאכט א קונציקן און טיפן בונקער אין וועלכן ס'האבן זיך אויסבאהאלטן א פאר יידישע פאַ־מיליעס, וואס האבן באצאלט דערפאר א גרויסן אוצר פון גאלד און בריליאנטן. דאס זענען געווען רייַכע לאדזשער פאבריקאנטן. און ווען נישט אן אומגליקלעכער צופאל — וואס מ'האט געדארפט אריינפירן א דאקטאר צו א שוואנגערער פרוי — וואלטן מיר הייַנט געווען א סך, א סך רייַכער אין ידיעות, פאקטן און מאטעריאלן וועגן אומקום פונעם ווארשעווער יידנטום, ווייַל צווישן די פאר פאַ־מיליעס האט זיך אויך געפונען דער ד"ר ע. רינגעלבלום. דער פאל האט פאסירט הארט פאר דער דייַטשער קאפיטולאציע.

שווער, זייער שווער איז מיר אויסצורעכענען אלע מענטשן: טרעגערס, חסידים, מלמדים און דער עיקר די טיפן פון צעשויבער־טע, אנטבלויזטע קעפ און פרייַע פארברוינטע פנימער פון מייַן טייַ־ערער יידישער ארבעטער־יוגנט, שטענדיק מיט ביכער אין די הענט, שפרייַזנדיקע, א מוטיקע, קעמפערישע פאר א בעסערן מארגן.

איך זיץ מיט א געזונקענעם קאפ און מייַנע בליקן פאלן אויף שווארץ־פארברענטע ציגל און קופעס אש, דורך וועלכע ס'רייַסן זיך אדורך יונגע גרינע און שווארצע גראזן. ס'שטיקן מיך אין האלדז די טרערן... ווו זאל איך זוכן אייַערע קברים אויף וועלכע איך זאל אנשטאט א קדיש כאטש א בלום אוועקלייגן? מיט טרויער פאלט צו די נאכט וועלכע הילט אייַן די חורבות אין א נאך טיפערער שטילקייט, וואס ברענגט מיר נישט קיין שום ענטפער...



יהושע גראָסבאַרד (חיפה)

# די לעצטע אויסשטעלונג פון יידישע קינסטלער־פּלאַסטיקערס אין פּוילן

האַרט פאַרן אויסבראָך פון דער גרויזאַמער צווייטער וועלט־מלחמה, אין די חדשים פעברואַר און מאַרץ 1939, האָט דער „פאַראיין פון יידישע קינסטלער־פּלאַסטיקער אין פּוילן" געהאַט אין וואַרשע זײַן 5טן „יובל־סאַלאָן". דאָס איז געווען די לעצטע אויסשטעלונג פון יידישע קינסטלערס אין פּוילן, ביז דער באַפרײַונג — אויב ניט רעכענען די טעטיקייט פון די פּלאַסטיקערס אין געטאָ.

דער 5טער יובל־סאַלאָן איז געפּלאַנט געוואָרן אַלס אַ וויכטיקע אונטערנעמונג ,וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו:

1.—דעמאָנסטרירן דאָס בעסטע וואָס ווערט געשאַפן אין קונסט דורך יידישע פּלאַסטיקערס אין פּוילן;

2. — קאָנסאָלידירן אַרום דעם פאַראיין דעם גרעסטן טייל יידישע קינסטלערס, בכדי אַזוי אַרום צו פאַרשטאַרקן די השפּעה פון פאַראיין אויף אַלע געביטן פון יידישער פּלאַסטישער טעטיקייט.

(די רעגירונג האָט פאַרבאָטן צו געהערן צו צוויי פּאַראַלעלע פאַראיינען; זענען יידישע קינסטלערס אַרויסגעטראָטן פון פּוילישן פאַראיין און זיך אָנגעשלאָסן אין יידישן פאַראיין).

עס איז שווער פעסטצושטעלן אויף וויפיל די צילן זענען דערגרייכט געוואָרן. וואָס שייך דעם ערשטן ציל, איז די אויסשטעלונג, נישט געקוקט אויף אַ סך פעלערן פון אָרגאַניזאַציע און זשורי, וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון דער קריטיק, וואָס האָט אונטערגעשטראָכן דעם אַנטוויקלונגס־וועג און די דערגרייכונגען פון דער יידישער פּלאַסטישער קונסט אין פּוילן. עס איז אויך גערעדט געוואָרן וועגן די אײַנפלוסן פון די מאָדערנסטע ריכטונגען פון דער פראַנצויזישער קונסט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קונסט, וואָס דאָס האָט דאָך נישט געשטערט דעם גרעסטן טייל קינסטלערס דורכצופלעכטן די שאַפונגען מיט אַ געוויסן נאַציאָנאַלן קאָלאָריט ,וועלכער איז געווען אייגנאַרטיק דעם גרעסטן טייל יידישע פּלאַסטיקערס אין וואַרשע און אין פּוילן בכלל.

דער יובל־סאַלאָן איז געווען די טעמע פון טאָג בײַ די יידישע און נישט־יידישע באַזוכערס פון דער אויסשטעלונג. בשעת דער אויסשטעלונג זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אונטערנעמונגען ווו עס זענען געפירט געוואָרן שמועסן וועגן קונסט בכלל און פּלאַסטישער קונסט בפרט.

אַ קליינע גרופּע קינסטלערס פון דער „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט" האָט געהאַלטן די אויסשטעלונג ווי אַ קאָנקורענץ־אויפטו קעגן דעם אַלגעמיינעם „פאַראיין פון פּלאַסטיקער" און זיי האָבן געפּרוּווט מאַכן שבת פאַר זיך. מאַרק שאַגאַל איז אײַנגעלאַדן געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין דער אויסשטעלונג פון „יובל־סאַלאָן". אָבער על פּי טעות האָט ער געשיקט זײַנע בילדער אויפן אַדרעס פון דער „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט". די דאָזיקע גרופּע, מיטן מאַלער טיקאָטשינסקי בראש ,האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָפּצוגעבן די בילדער פאַר דער אויסשטעלונג. אחוץ די יידישע קינסטלערס פון פּוילן האָבן זיך אין דער אויסשטעלונג באַטייליקט יידישע קינסטלערס פון פראַנקרײַך, ווי מאַנע קאַץ און זיגמונט מענקעס.

דער „פאַראיין פון יידישע קינסטלער־פּלאַסטיקער אין פּוילן" האָט אויסגעאַרבעט גרויסע פּלענער וועגן אַנטוויקלען דאָס יידישע קינסטלערישע לעבן אין וואַרשע און אין פּוילן, אָבער דאָס אַלץ איז טראַגיש צעשטערט געוואָרן דורך היטלערס פאַשיסטישע וואַנדאַלן. וואָס שייך איינצלנע קינסטלערס, דאַרף מען קודם כל רעדן וועגן דעם גרינדער פון „פאַראיין פון יידישע קינסטלער־פּלאַסטיקער" פעליקס פרידמאַן, וואָס איז אַגב געווען דער פּאָרזיצער פון פאַראיין *). פרידמאַן איז געווען אַ טעמפּעראַמענטפולער מאַלער, בעיקר אַ קאָלאָריסט. ער האָט געמאָלן מיט זייער אינטענסיווע פאַרבן. קיין ספּעציעלע טעמאַטיק האָט ער נישט געזוכט.

ראָמאַן ראָזענטאַל איז אויך געווען אַ גוטער קאָלאָריסט, אָבער האָט דאָך שטאַרק אונטערגעשטראָכן די פאָרעם און אַזוי אַרום בולטער געמאַכט די טעמאַטיק פון זײַנע בילדער.

אהרן בלאָופוקס האָט געשאַפן אָרנאַמענטאַל־דעקאָראַטיווע בילדער. זײַנע בילדער האָט ער געמאָלט אין אַ טעכנישער פאָרעם ווי מאָזאַיק.

איגנאַצי הירשפאַנג איז געקומען פון פראַנקרײַך און איטאַליע, און האָט אויסגעשטעלט בילדער פון אַ רעאַליסטישן ווערט.

פון בערנאַרד ראַלניקס אַרבעטן האָט געהויכט מיט ראָמאַנטיק און בענקשאַפט צום פּוילישן פּייזאַזש.

אברהם גוטערמאַן, וואָס איז באַקאַנט געווען אין די וואַרשעווער אַרבעטער־קרײַזן, האָט געמאָלט אויף אַקטועל פּאָליטישער טעמעס, ווי „עקסמיסיע", „אַרבעטלאָזע", „אויפן פראָנט". ער האָט אָבער מיט זײַנע קוביסטישע פאָרמען נישט געפונען די מעגלעכקייט

---

*) די אַנדערע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זענען געווען:
בערנאַרדאָ ראָלניצקי — וויצעפּאָרזיצער;
ראָמאַן ראָזענטאַל — סעקרעטאַר;
אהרן בלאָופוקס — קאַסיר;
הענריק שפּיגעל, משה רינעצקי, בערנאַרד האַהן.

געגנוג פאַרשטענדלעך צו זײַן דעם אַרבעטער־באַזוכער, פאַר וועמען אייגנטלעך די בילדער זענען געווען באַשטימט. דערקעגן זענען וואָרעם אויפגענומען געוואָרן זײַנע מער רעאַליסטישע אַרבעטן, ווי „דער פאַרטאָג", נישט געקוקט דערויף וואָס די טעמע איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט סימבאָליזם.

דאָס דערמאָנטע בילד ,געמאָלט אין אַ שטילער בלוי־גראָליכער גאַמע, האָט פאָרגעשטעלט אַ פאַרטאָג אין שטאָט. אַלץ שלאָפט און ערגעץ אויף אַ דעכל שטייט אַ האָן און קרייט.

עס איז אפשר כדאי צו דערמאָנען אָט דעם קוריאָז: אַ באַזוכער האָט געוואָלט קויפן דאָס בילד צוליב זײַן רעוואָלוציאָנערער סימבאָליק. עטלעכע מאָלערס האָבן אים אָפּגערעדט, אָנווײַזנדיק אַז דאָס בילד איז נאָר פאַר אַ קלוב, פאַר אַ מוזיי, אַ רעוואָלוציאָנערן פאַרשטייט זיך. דער קונה האָט זיך געלאָזט אָפּרעדן און געקויפט „די ווילנער סינאַגאָגע" פון בן ציון צוקערמאַן...

ס'דערמאָנט זיך די סימפּאַטישע מאָלערין געלע סעקשטיין, וואָס האָט געזוכט אַרײַנצוברענגען אין אירע בילדער פאַרב פון ליבע און פרייד, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ לערערקע פון אַ יידישער אַרבעטער־ און פאָלקס־שול.

איך וויל אויך דערמאָנען די צאַרטע ווילנער מאָלערין ראָזאַ סוצקעווער (געלערנט בײַ לודאָמיר שלענדזינסקי), וואָס איר בילד „פּליטים" איז געווען ווי אַ וואָרענונג פאַר די געשעענישן וואָס האָבן זיך דערנענטערט.

פון די מעטאַל־פּלאַסטיקערס דערמאָנט זיך יוסף שליווניאַק מיט זײַנע גרויסע סטיליזירטע בלעכן, וואָס האָבן געדינט ביַנע־קינסטלערס צו פאַרשאַפן אַ קולטורעלן גענוס.

חיים האַנפט, אַ גוטער רעאַליסט, האָט געשטרעבט צו מאָנומענטאַליזם. ער האָט געשאַפן פיל אַרבעטן אין באַפרײַטן פּוילן. געשטאָרבן אין ווארשע אין 1952.

דער גראַפיקער יוסף הערמאַן, וואָס זײַן פּאָרטרעט פון דומיער האָט געמאַכט זייער אַ שטאַרקן אײַנדרוק, איז אַקטיוו אַלס קינסטלער אין ענגלאַנד.

דער פײַנער אילוסטראַטאָר־גראַפיקער מענדל רייף האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַנע פּרעכטיקע אילוסטראַציעס צו י. מאַנגערס „ווונדערלעכע לעבנס־באַשרײַבונגען פון אבֿא אַבערוואַ".

דער זייער טראַגישער יחיאל טינאָוויצקי האָט געמוזט קראַנקערהייט האָרעווען פאַר די פאַרלעגערס פון „אילוסטראַציעס צום תנך", באַפרידיקנדיק זייערע פאַרלאַנגען און געשמאַקן. ער האָט ווייניק געקענט שאַפן און נישט געבראַכט צום אויסדרוק זײַנע אייגענע געדאַנקען.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די קינסטלערס איז געווען זייער אַ שווערע. נאָר איינצלנע קינסטלערס האָבן געלעבט פון זייערע שאַפונגען. דער גרעסטער טייל יידישע פּלאַסטיקער האָט געמוזט זוכן אַנדערע באַשעפטיקונגען בכדי צו קענען עקסיסטירן. די מערהײַט יידישע פּלאַסטיקערס האָבן געשטאַמט פון די אַרבעטנדיקע שיכטן און דערמיט דערקלערט זיך זייער צוגעבונדנקייט צו די פאָלקס־מאַסן.

אין 1937 האָט זיך געגרינדעט אין ווארשע אַ גרופּע פּראָגרעסיווע קינסטלערס. דער עפנטלעכקייט איז נים געווען באַקאַנט די עקסיסטענץ פון אַזאַ גרופּע. זיי האָבן אָבער געאַרבעט צוזאַמען און געהאַט אַן אייגענעם לאָקאַל. די גרופּע האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו דינען מיט אירע שאַפונגען די ברייטע אַרבעטער־מאַסן פון ווארשע.

צו דער גרופּע האָבן געהערט מאיר אַפּלבוים, מאַרישע ריגער, יאָאַכים קאָרנבליט, יוסף הערמאַן, א. סקורניק, יחיאל טינאָוויצקי, בתיה פריידקעס, יהושע גראָסבאַרד, חיים האַנפט, געלע סעקשטיין, לאַנדאַ, יצחק פּערל און אַנדערע. די פּוילישער מאָלערס באַרטאָשעק און זיגמונט באַכאָווסקי (ביידע האָבן דעם 20טן אַפּריל 1943 געאײַלט מיט הילף די ווארשעווער געטאָקעמפערס אין אַן אָפּטייל פון דער „פאָלקסגוואַרדיע אויפן נאָמען פון לודוויק וואַרינסקי" און זענען געפאַלן אין קאַמף) פלעגן באַזוכן די גרופּע ,און עס זענען געפירט געוואָרן לעבהאַפטע שמועסן.

זאָלן די דאָזיקע שורות זײַן אַן אָנדענק לכבוד די וואָס זענען געפאַלן פון די נאַצישע קאַניבאַלן. זאָלן די שורות דינען ווי אַ וואָרענונג לגבי די לעבעדיקע, אַז זיי דאַרפן שטיין אויף דער וואַך פאַר שלום, בכדי צו קענען אָנגיין מיט דעם קאַמף צו שאַפן באַדינגונגען פאַר פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון דער מענטשהייט, פון דער קונסט און פון אירע שעפערס.

---

וועגן דער עפענונג פון דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָט דער ווארשעווער זשורנאַל „ליטעראַרישע בלעטער" נומער 5, 1939 געבראַכט די ווייטערדיקע ידיעה:

זונטיק, דעם 19טן פעברואַר 1939 אין דער פרי, איז אויף דלוגע 26 פאָרגעקומען די פײַערלעכע עפענונג פון דעם פינפטן יובל־סאַלאָן פון יידישן קינסטלער־פּלאַסטיקער־פאַראיין אין פּוילן. צו דער עפענונג איז געקומען אַ קאָלאָסאַלער עולם באַזוכער, וואָס האָט אָנגעפילט די זאַלן פון דער אויסשטעלונג. ס'זענען געווען אינטעלעקטואַלן, שריפטשטעלערס, קינסטלערס און ליבהאָבערס פון קונסט. דער אינטערעס פון דער אויסשטעלונג איז געווען אַ געוואַלטיקער. די אויסשטעלונג האָט געעפנט די קהילה־פּאָרזיצער ה' מאַוריצי מייזעל, וועלכער האָט געהאַלטן אַ רעדע איבער דער באַדייטונג פון דער פּלאַסטישער קונסט און די אויפגאַבן פון אַזאַ קולטור־אונטערנעמונג ווי די אויסשטעלונג פון די יידישע פּלאַסטיקערס. נאָך אים האָט גערעדט דער פּאָרזיצער פונעם פאַראיין פון יידישע קינסטלערס־פּלאַסטיקערס פעליק פרידמאַן, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויפן קאַמף, וואָס דער יידישער קינסטלער פירט כלפּי־חוץ און כלפּי־פּנים, בכדי זיך צו דערווערבן און פאַרפעסטיקן זײַנע פּאָזיציעס אין דער וועלט פון קונסט און אינעם יידישן לעבן, ווייל די יידישע קונסט איז אַ טייל פונעם יידישן קולטור־פאַרמעגן. דער יידישער קינסטלער אין פּוילן איז אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די יידישע מאַסן, וואָס ער איז מיט איר אויסגעקנאָטן פון איין פלייש, און וואָס אירע ליידן און אינטערעסן זענען אויך זײַנע. הגם די יידישע פּלאַסטיק האָט אַ סך געלערנט און גענאָסן פון די גרויסע דערגרייכונגען פון דער פראַנצויזישער מאָלעריי, האָט זי אָבער תמיד געשטרעבט זיך נישט אָפּצורייסן פון די יידישע עלעמענטן. די יידישע פּלאַסטיק האָט תמיד זיך באַמיט צו שאַפן דעם פונדאַמענט פון דער יידישער קונסט, צו אָנטפּלעקן די אייגנאַרטיקייטן פון אונדזער לעבן און זיך צו באַהעפטן מיט אונדזערע אייביקע ווערטן. דער פאַראיין פון די יידישע קינסטלערס־פּלאַסטיקערס שטרעבט, אַז די אַרבעט פון די יידישע קינסטלערס זאָל ווי געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן דורך דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. לויט דער איניציאַטיוו פון דער פאַרוואַלטונג פון פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אַ קונסט־ליבהאָבער־סעקציע, כדי צו

רעאַליזירן אַלע קינסטלערישע באַדערפענישן און ענגער פאַרבינדן די ייִדישע קינסטלערס מיט דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט. ס'װעלן געשאַפן װערן די מעגלעכקייטן צו מאַכן צוגענגלעך די שאַפונגען פון די קינסטלערס פאַרן ברייטערן עולם און צו פּאָפּולאַריזירן די קונסט דורך אויסשטעלונגען און פאָרטראַגן.

נאָך דער עפענונג האָט דער עולם באַטראַכט די קונסטעקספּאָנאַטן. די גרויסע זאַלן זענען איבערפולט מיט די מאָלערייען, סקולפּטורן, מעטאַלאָפּלאַסטיק און גראַפישע אַרבעטן פון די ייִדישע קינסטלער. עס זענען אויסגעשטעלט געװאָרן איבער הונדערט פופציק װערק פון אַן ערך זיבעציק קינסטלער. אין די אויסשטעלונג באַטייליקן זיך פאָלגנדיקע קינסטלער:

מאָלעריי: חיים אוריסאָן, עװאַ בזשעזינסקאַ, שלום ביאַלאָגורסקי, אהרן בלייפוקס, בענגים, פעליקס גאָרפינקל, פרידע גאָלדפעדער ,בעטי גומענער, אברהם גוטערמאַן, הדסה גורעװיטש, יודל גראָבער, געניאַ גראָסמאַן, בועז דולמאַן, חיים האַנפט, איגנאַצי הירשפאַנג, זכריה הערשמאַן, װאָלף װיטאַל, ש. גראָסבאַרד־װיעל־קאַבראַדאַ, לוציאַ מעלצער־שװייגער, בער זאַלקינד, רויזע זילבערקראַנץ, יעקב טשאַרנעצקי, רפאל כװאָלעס, משה לייבאָװסקי, נתן לעאין, מאַנע קאַץ, העגריק מאַר, אברהם מיכאַלאָװיטש, זיגמונט מענקעס, שלמה נוסבוים, רחל סוצקעװער, י. סטוצער, געלע סעקשטיין, אברהם סקורניק, פעליקס פרידמאַן, יצחק פערל, משה פרעזמאַן, בנציון צוקערמאַן, רוזשאַ צימערמאַן, הערש צינאַ, יאָאַכים קאָרנבלוט, ראָמאַן ראָזענטאַל, לעאָן ראָזענבערג, בערנאַרד ראָלניצקי, בענאָ ראָלניצקי, משה רינעצקי, י. מ. שװערגאָלד.

סקולפּטור־מעטאַלאָפּלאַסטיק: העלענאַ גלאַגאָװסקאַ, חיים האַנפט, העגריק לױפער, מענדל לאַכאָװער, זיגמונט מעסער, יוסף פיינגאָלד, דוד פעפער, יוסף שליװניאַק, דוד שעכטער, הענריק שפיגעל.

גראַפיק: יוסף הערמאַן, חיים טיבער, יחיאל טינאָװיצקי, בנציון מיכטאָם, שלמה נוסבוים, י. סטוצער, מענדל רייף, משה רינעצקי.

צייכענונגען: ל. װעלטשער־שװייגער, יעקב טשאַרנעצקי, שלמה נוסבוים, משה רינעצקי, איגנאַצי הירשפאַנג.



# דער פלאן פון געטאָ בעתן אויפשטאנד

## אפריל – מאי 1943

**דערקלערונגען:**

0 100 200 300 400 500 מ

1. דער ערשטער קאמף דעם 19־טן אפריל אינדערפרי.
2. דער צווייטער קאמף דעם 19־טן אפריל אינדערפרי.
3. די ווייס־רויטע פאן פון די אויפשטענדלער דעם 19־טן אפריל.
4. די קאמפן דעם 19־טן, 21־טן אפריל. דער איבערגאנג פון א גרופע אויפשטענדלער דורכן טונעל אויף דער „אריער" זייט דעם 21־טן אפריל.
5. די רויטע פאן איבערן בונקער אויף מילע 29. דער קאמף פארן בונקער דעם 20־טן אפריל.
6. די קאמפן דעם 20־טן און 21־טן אפריל, דער אנגריף פון דער פאלקס־גווארדיע אויף די פאזיציעס פון שונא (פונדרויסן)
7. דער אנגריף פון דער פאלקס־גווארדיע פון דרויסן און פון די אויפשטענדלער פון אינעווייניק דעם 30־טן אפריל.
8. דער אנגריף אויפן שונאס קאלאנע דעם 20־טן אפריל אינדערפרי
9. די קאמפן דעם 20־טן אפריל
10. דאס ארויספירן דורך דער פאלקס־גווארדיע א גרופע אויפשטענדלער דורך די קאנאלן דעם 28־טן אפריל
11. דער קאמף ארום דער פארטיידיקונג פונעם בונקער דעם 1־3־טן מאי
12. דער קאמף דעם 2־טן מאי
13. דער לעצטער קאמף פונעם שטאב פון אויפשטאנד דעם 8־טן מאי אויף מילע 18.
14. דער אנגריף פון די אויפשטענדלער אויף די סיגער און דער קלאפ פון דער פאלקס־גווארדיע פון אינעווייניק דעם 13־טן, 14־טן מאי בעת דעם פאשיסטישן נקמה־אנפאל.
15. דאס אויפרייסן די גרויסע סינאגאגע דעם 16־טן מאי
16. דער קאמף פון א גרופע אויפשטענדלער, וועלכע האט זיך ארויסגעריסן פון געטא, מיט דער דייטשער און גראנאטענער פאליציי אין דער צווייטער העלפט פון מאי

● די פארטיידיקונג פון די בינקערס

די לעצטע גרענעצן פונעם געטאָ

← אויפשטענדלער

← פאלקס־גווארדיע

← דער שונא


לויט דעם פראיעקט פון ב. מארק געצייכנט י. רייומאן

בער מאַרק (וואַרשע)

# דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

## אַרײַנפיר

דער טאָג פונעם 19טן אַפּריל וועט בלײַבן אויף אייביק איינע פון די דערהויבנסטע דאַטעס אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אין דעם טאָג וועלן די פרײַהייט־ליבנדיקע פעלקער פון גאָר דער וועלט, אין איינעם מיט די ייִדישע מאַסן, דערמאָנען מיט יראת־הכבוד און הייליקן ציטער דעם אָנדענק פון די העלדן, וואָס זענען געפאַלן אויף די ברענענדיקע גאַסן און אונטער די חורבות פון ייִדישן וואַרשע בעת די טראַגישע טעג פון די חדשים אַפּריל, מײַ און יוני 1943 — אין אומגלײַכן קאַמף קעגן דעם פּערפידן, באַרבאַרישן און אכזריותדיקן דם־שונא פון דער מענטשהייט, אין איבערמענטשלעכן געראַנגל פאַרן כבוד פון פאַרפײַניקטן ייִדישן פאָלק, פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון לײַדנדיקן פּוילן, פאַר אַ ליכטיקער צוקונפט פאַר ייִדן און פאַר אַלעמען, פאַר „אײַער און אונדזער פרײַהייט".

דער בײַשפּיללאָזער העראָיִזם פון די געטאָ־קעמפער וועט אין משך פון לאַנגע דורות זײַן אַ מוסטער פון אויסערגעוויינטלעכער דרייסטקייט און מוט, אַ וועגווײַזער פאַר די, וועלכע שטייען נאָך אין שווערן פאַרמעסט קעגן דעם אימפּעריאַליזם פאַר נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרײַונג, אַ מוסטער ווי אַזוי מען קאָן אין די ערגסטע באַדינגונגען געפינען אַן אויסוועג פון ווערדע, פון ווידערשטאַנד און פון מאָראַלישן זיג. דער טראַגישער און העלדישער קאַמף פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין וואַרשעווער געטאָ דערמוטיקט און וועט ווײַטער באַגײַסטערן די ריזיקע מאַסע פון שלום־קעמפער און פון די, וואָס בויען אַ נײַע סאָציאַל־יושרדיקע וועלט — צו ווײַטערדיקע אָנשטרענגונגען און דערגרייכונגען, צום האַרטנעקיקן קאַמף און שטײַגנדיקער אַרבעט בײַם מקיים זײַן די טרוימען פון די געפאַלענע אויפשטענדלערס פון וואַרשעווער געטאָ.

אַ דאַנק דעם העלדישן קאַמף פון די ייִדישע אויפשטענדלערס איז דער באַגריף געטאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ הריגה־ און אומקום־אָרט, וואָס איז געווען באַשטימט דורך דעם היטלעריסטישן אָקופּאַנט פאַר אַ געביט פון דערנידעריקונג פון מענטש און פון זײַן זינלאָזן אומקום — אין אַ קאַמפּפּלאַץ, וואָס האָט אויפגערודערט די וועלט און אַרויסגערוקט די אַנטיפאַשיסטישע ייִדישע יוגנט ווי עכטע העלדישע קעמפערס, ווי אַזעלכע, וואָס אויף זייערע מעשים דאַרפן זיך לערנען און דערציִען די ווײַטערדיקע דורות. און ווײַל דאָס איז געווען נישט בלויז אַ בילד פון גבורה פון אַ ייִדישן יחיד — וואָס אויך דאָס האָט זײַן גרויסן ווערט — נאָר אַ מוסטער פון אַ קאָלעקטיוון קאַמפּסאָנשטרענג פון אַ גאַנצן ייִדישן קיבוץ, איז די באַדײַטונג פון דעם דאָזיקן העלדישן קאַפּיטל נאָך בולטער, נאָך שטאַרקער, נאָך מער דערהויבנדיק פאַרן כבוד פון די שווער־געפּרוּווטע ייִדישע מאַסן.

### .1

### די ערשטע רעוואָלוציאָנערע קרייזן און די ערשטע בונטאַרישע אַרויסטריטן

צוויי מעכטיקע געפילן האָבן געשטויסן דעם באַוווּסטזיניקן רעוואָלוציאָנערן ייִד אין געטאָ צום אַקטיוון ווידערשטאַנד. דאָס איז געווען קודם־כל דער ווילן זיך צו באַטייליקן אין דעם קאַמף קעגן דעם היטלעריסטישן באַצווינגער, זיך אײַנצושליסן אין דעם לאַגער פון געראַנגל פאַר באַפרײַונג, פון אַראָפּוואַרפן דעם פאַרהאַסטן יאָך; דער דאָזיקן ווילן איז אויפגעקומען בײַ די באַוווּסטזיניקע אַנטיפאַשיסטיש־דענקנדיקע ייִדן נאָך איידער די האַקנקרייצערישע פעלקער־מערדער זענען צוגעטראָטן צו דער טאָטאַלער פאַרטיליקונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג; מיט אַנדערע ווערטער: שוין דער דאָזיקער פאַקט ליקנט אין גאַנצן אָפּ די טעאָריע פון „פאַרצווייפלטן אַקט". דער וועג זיך אײַנצושליסן אין די קעמפנדיקע רייען פון דער פרײַהייטליבנדיקער מענטשהייט האָט אָבער געהאַט אַ געוואַלדיקע שטערונג: דעם געטאָ־מויער. איז די ערשטע אויפגאַבע פון די ווידערשטאַנד־לעכצנדיקע עלעמענטן אין געטאָ געווען גובר צו זײַן די דאָזיקע בצוואַנג אָנגעוואָרפענע שטערונג. פון דער צווייטער זײַט געטאָ־מויער זענען אויך געווען פּוילישע אַנטיפאַשיסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן געשטרעבט צו מאַכן אַ מאָראַלישן דורכבראָך אין דעם מויער, און האָבן צוזאַמען מיט זייערע ייִדישע אידעיִשע חברים דעם דאָזיקן דורכבראָך געמאַכט. דעם דורכבראָך האָט געמאַכט דער פּוילישער „ספּאַרטאַקוס"־טוער קאַזשיס דעמביאַק (וולאַדיסלאַוו בוטשינסקי); דעם דורכבראָך האָבן געמאַכט די פּוילישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום די ערשטע לינקע קרײַזן און וועלכע האָבן געשיקט פאַר זייערע ייִדישע חברים געצײַג צו דער דאָזיקער אַרבעט. פון דער צווייטער זײַט זענען שוין דעמאָלט געווען דרייסטע ייִדישע פאַרבינדלערינס, וועלכע האָבן אויסגעזוכט און אײַנגעהאַלטן די קאָנטאַקטן מיט דער „אַרישער זײַט", למשל די סטודענטקע זאָשע זאַטאָרסקאַ 1), וועלכע איז אין יענעם ערשטן פּעריאָד אַרעסטירט און דערהרגעט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ.

---

1) אַ טאָכטער פון אַן אַלטן סדקפּ״ל־טוער, וועלכער איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

דער צווייטער געפיל וואָס האָט געשטויסן צו אַקטיווע מעשים, איז געווען די גאַרונג צו נעמען נקמה פאַר די יסורים, וואָס דער אָקופּאַנט האָט אָנגעטאָן די ייִדן. אויך דאָ איז געווען אַ גרויסע מניעה, נישט קיין מאַטעריעלע, נאָר אַ פּסיכאָלאָגישע, וואָרעם די שרעק פאַרן היטלעריסט איז געווען אַ געוואַלדיקע, און דער נקמה־לעכצנדיקער ייִד האָט געמוזט קודם כל געפינען אין זיך אַ סך כוח גובר צו זײַן די שרעק, וועלכע איז אָפט מאָל געווען גרעסער פון טויט. אמת, נאָכן 22טן יוני 1941 איז די שרעק פאַרקלענערט געוואָרן, די לעגענדע וועגן דער אומבאַזיגלעכקייט פון דײַטשן מיליטער האָט געפּלאַצט. אָבער דאָך איז נאָך דער היטלעריסטישער מושל געווען גענוג שטאַרק, ער איז נאָך אַלץ געווען דער האַר פון לעבן און טויט און דורך כלערליי אופנים כסדר געשפּרייט אַרום זיך אוממענטשלעכן סאַדיזם און פאַרטיליקונג.

די ביידע שטרעבונגען האָבן אייגנטלעך דערפירט צו איינס: צו זוכן אַ וועג צום אַקטיוון קאַמף. דער גאַנצער ערשטער פּעריאָד, ביז אָנהייב 1942, איז געווען בײַ יענעם עלעמענט, וואָס איז נישט געווען דערצויגן אויף דירעקטע אַנטיפאַשיסטישע קאַמפּס־טראַדיציעס, אויסגעפילט מיט זוכן יענעם וועג, מיט זוכן אַן ענטפער אויף דער עקבערנדיקער פראַגע: וואָס טאָן?

דאָס הייסט אָבער נישט אַז ביזן יאָר 1942 איז אין די געטאָטיפענישן נישט געווען קיין שום ייִרונג און קיין שום באַווײַז פון בונט קעגן דער אכזריותדיקער ווירקלעכקייט.

די פּוילישע ייִדן זענען, אייגנטלעך, פונעם ערשטן סעפּטעמבער 1939 געשטאַנען אין מלחמה אויף לעבן און טויט מיטן היטלעריסטישן אַגרעסאָר. מיט לײַב און לעבן האָט זיך דער ייִדישער פאָלקסמענטש אַרײַנגעוואָרפן אין קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן און פאַר דער אייגענער זיכערקייט. אין דער סעפּטעמבער־קאַמפּאַניע, וואָס איז פאַרראַטן געוואָרן דורך דער סאַנאַציע־קליקע, אָבער וועלכע האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער אייבערפלאַך דעם פּאַטריאָטיזם און די העלדישקייט פון פּשוטן פּוילישן סאָלדאַט און בירגער, האָבן זיך באַטייליקט מיט דער פולער איבערגעגעבנקייט טויזנטער ייִדישע זעלנער. רינגעלבלום גיט איבער אין זײַנע נאָטיצן אינטערעסאַנטע געזאַמלטע ידיעות וועגן דער טרײַקייט ביזן סוף פון ייִדישע שלאַכטלײַט. אין דער העלדישער פאַרטיידיקונג פון וואַרשע האָבן אָנטייל גענומען מאַסן ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אינטעליגענטן. און טאַקע באַלד אין די ערשטע וואָכן נאָך וואַרשעס פאַלן שטייען אויף אין דער טיפער אונטערערד די ערשטע ייִדישע יוגנטקרײַזן פון „ספּאַרטאַקוס", וועלכע אַרבעטן האַנט בײַ האַנט מיט די פּוילישע קרײַזן פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. עס שאַפט זיך אין יענער צײַט אויך אַ קאָנספּיראַטיווע פּויליש־ייִדישע אָרגאַניזאַציע פון אינטעליגענץ און געוועזענע מיליטערלײַט, וועלכע איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „קאָטאָווצעס", פון דעם נאָמען פון איינעם פון אירע אָרגאַניזאַטאָרן, דעם יונגן קאָט, וועלכער איז געווען פון ייִדישן אָפּשטאַם. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט פון זאַמלען געווער, איז שנעל דורכגעפאַלן; קאָט האָט, ווײַזט אויס, בײַם אַרעסט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און אַוועקגעלייגט אַ זשאַנדאַר. עס זענען געקומען בלוטיקע רעפּרעסיעס, עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויך אַ סך פאָרשטייערס פון דער ייִדישער אינטעליגענץ. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז פאַרשוווּנדן בײַם ערשטן קלאַפּ, ווײַל זי האָט נישט געהאַט קיין וואָרצלען אין דער מאַסע און אויך נישט קיין קלאָרע פּאָליטישע פּלאַטפאָרם. אַנדערש איז געווען דער גורל פון „ספּאַרטאַקוס". טיף פאַראַנקערט אין דער יוגנט־מאַסע און באַוואָפנט אידעאָלאָגיש, האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע אויסגעדויערט, זיך אַרײַנגעגאָסן דערנאָך אין דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי און אַרויסגעגעבן אַ גאַלעריע פּרעכטיקע געשטאַלטן, וועלכע האָבן זיך שפּעטער אויסגעצייכנט אין דער אויפשטאַנד־באַוועגונג, אין די פּאַרטיזאַנישע מחנות און בעתן אויפשטאַנד.

אין יאָר 1940 האָבן מיר שוין אין געטאָ גרופּעס פון כמעט אַלע רעוואָלוציאָנערע קרײַזן, וואָס האָבן געווירקט אין דער פּוילישער אונטערערד, ובכן: גרופּעס פון „פרײַנד פון ראַטן־פאַרבאַנד", קרײַזן פון „סערפּ און האַמער", דערנאָך פון דער „אַרבעטער־פּויערישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע". אין שפּיץ פון אָט די גרופּעס רוקן זיך אַרויס די אַלטע קאָמוניסטישע און לינק־פּראָפּאַראיינישע קאַדערס, וועלכע קאָנצענטרירן אַרום זיך אַרבעטער, אינטעליגענץ און יוגנט. איין גרופּע נעמט זיך צו זייער אַ וויכטיקער אויפגאַבע: אַרויסגעבן אַן אונטערערדישע פּרעסע פאַר די געטאָ־אסורים. עס איז ממש צו באַוווּנדערן דעם פּראָלעטאַרישן אינסטינקט פון די קאָנספּיראַטיווע רעדאַקטאָרן, וועלכע האָבן אין דער „מאָרגנפרײַ", אין דער „מאָרגן־פרײַהייט", אין די פּראָלעטאַרישע „ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן" אַרויסגעפילט די סיטואַציע, גערופן צו אויסדויער, צו אינטערנאַציאָנאַליזם, צו צוטרוי און גלויבן אינעם ראַטן־פאַרבאַנד, צום קאַמף קעגן יודענראַט און דער געטאָ־פּאָליציי, צו שאַפן אַ פאַראייניקונג פון אַלע אַנטיפאַשיסטישע כוחות, צו גרייטן זיך צו דעם, וואָס וועט און מוזן קומען — צום אַקטיוון ווידערשטאַנד. די דאָזיקע קרײַזן האָבן געפירט אַ טעטיקייט צווישן די אַרבעטער, אָט די ערשטע און גרעסטע קרבנות פון הונגער און מגיפות. די דאָזיקע קרײַזן האָבן אפילו אָרגאַניזירט שטרײַקן אין געטאָ — אַ זאַך, וואָס האָט אין יענער צײַט געהערט צו די סאַמע גרויזאַמסטע שריט, וואָרעם די ייִדישע אונטערנעמערס, די שטילע און אָפענע שותפים פון די דײַטשע און פּוילישע פאַבריקאַנטן און שאַפּן־איינגנטימער, און דער יודענראַט האָבן געליאַרעמט, אַז שטרײַק באַטײַט אַ באַלדיקן אומקום פאַר אַלע ייִדן, ווײַל שטרײַק קעגן ייִדישע אונטערנעמערס הייסט — אַרויסטריט קעגן דער אָקופּאַנטישער מאַכט. און פון דעסט וועגן זענען פאָרגעקומען שטרײַקן פון סטאָליער־ און נאָדל־אַרבעטער, שטרײַקן פון שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע; טייל האָבן זיך אפילו געענדיקט מיט אַ זיג. אָט די עקאָנאָמישע קאַמפן זענען געווען אַ שול פון די קומענדיקע ווידערשטאַנדלערס. 2)

אַ שול פון ווערדיקער האַלטונג, פון אמתער געזעלשאַפטלעכער אַליינהילף און פון זעלבשוץ זענען געווען געוויסע הויז־קאָמיטעטן, די וואָס אין זייער שפּיץ זענען געשטאַנען פּראָלעטאַרישע און דעמאָקראַטישע עלעמענטן. אין די קרײַזן פון די פאָלקסטימלעכע הויז־קאָמיטעטן איז אויפגעקומען דער ערשטער עפנטלעכער בונט קעגן יודענראַט און קעגן זײַנע מעטאָדן פון קאָרופּציע, פון פּאָליצייִשער גענגסטערײַ און פון אויספירן דעם רצון פון אָקופּאַנט.

ווי ווײַט די מאַסן זענען געווען דורכגענומען מיט בונטשטימונגען דערווײַזן די פאַקטן פון גאַסן־אַרויסטריטן קעגן דער פּאָליציי בעת די כאַפּערײַען אויף צוואַנגאַרבעט, די הונגער־אומרוען אין מיטן שטאָט, דער סאַבאָטאַזש פון דער פוטער־אַקציע, די פיזישע אַרויסטרעטונגען קעגן גבירים, וואָס האָבן נישט געוואָלט העלפן די פּליטים און גולים, און אַנדערע אַזעלכע דערשײַנונגען פון דער לגמרי נישט גלײַכגילטיקער און ווײַט נישט ווילנלאָזער שטעלונג פון דער מאַסע.

---

2) מיט די שטרײַקן האָבן אָנגעפירט, ווי עס גיט איבער אַן עד־ראיה, יואל באָרנשטיין, יאַנקל גלאָזמאַן, יאָסל סטאָליער און אַנדערע.

די דאָזיקע שטימונגען זענען שטאַרקער געוואָרן נאָכן 22טן יוני 1941. דער סאַבאָטאַזש ווערט דרייסטער. ייִדישע שנײַדער־אַרבעטער פּאַרטיקן אויס מונדירן פאַר דער דײַטשער אַרמיי מיט שלעכט פאַרנייטע קעשענעס און קנעפּ. דער באַוווּסטזיניקער עלע־מענט הייבט אָן אַרבעטן בכיוון ערגער און ערגער. עס גייט פון מויל צו מויל דער לאָזונג: אַנשטאָט זייגערלעך לאָמיר פּראָדוצירן באָמ־בעס. ייִדן ווערן הייטערער, זייער בליק ווערט אָפּטימיסטישער, זיי גלייבן נישט אין די מעלדונגען פון דעם דײַטשן ראַדיאָ וועגן די זיגן פון דער רײַכסווער. זיי חזרן איבער דאָס ווערטל ,וואָס ווערט פּאָפּולער אין גאַנצן געטאָ:

| | |
|---|---|
| ייִדן, האָט נישט קיין מורא, | Zydzi nie bójcie się, |
| פּאָליאַקן, מאַכט אײַך פריילעך, | Polacy radujcie się, |
| דײַטשן, פּאַקט אײַן די פּעק. | Niemcy pakujcie się, |

די טרויער־עזאַנגען פון וויינענדיקע בעטלער ווערן אַרויסגע־שטויסן דורך נײַע לידער, לידער פון קאַמף.

אָבער עס האָט נאָך אַלץ געפעלט דער כוח וואָס זאָל זײַן מסוגל צונויפצונעמען די אַלע געפילן אין איין געמיינזאַמען כוח, צו פאַר־וואַנדלען די טרערן און יסורים אין שנאהפולער קראַפט. די לינקע גרופּעס זענען געווען צעשטויבט. די אַנדערע קרײַזן, וואָס האָבן עקסיסטירט אין געטאָ, די אונטערשטע רינגען פון דער לינק־ציור־ניסטישער יוגנט, האָבן געזוכט אַ וועג אַרויסצוגיין פון די ראַמען פון דערציִערישער און אַלײנהילף־אַרבעט צו ווידערשטאַנד. די בונדישע קרײַזן האָבן זיך נאָך געפונען אונטער דער אָנפירונג פון די וור״נישע עלעמענטן. 3)

און נאָך אַ מאָל: דער וויכטיקסטער פּאָטענציעלער כוח, וועל־כער האָט טראָץ אַלע שוועריקייטן געזען דעם אויסוועג, די קאָמו־ניסטישע קרײַזן, זענען געווען, ווי געזאָגט, צעשטויבט.

„אָט די דאָזיקע גרופּעס — האָט געזאָגט באָלעסלאַוו ביערוט אין זײַן רעפעראַט אויפן קאָנגרעס פון דער פּוילישער פאַראייניק־טער אַרבעטער־פּאַרטיי דעם 15טן דעצעמבער 1948, — האָט אָבער געפעלט אָן איינהײַטליכע אָנפירונג און אַ קלאָרע פּאָליטישע פּראָ־ראַם. אָט די גרופּעס האָט פאַראייניקט און זיי געוויזן אַ טעטיקייט־ליניע. די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יאַנואַר 1942 און האָט איר פּראָגראַם אָנגעשפּאַרט אויף די יסודות פון מאַרקסיזם־לעניניזם. די פּפּ״ר האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דעם נאַציאָנאַל־באַפרײַערישן קאַמף פון די פּוילישע פאָלקסמאַסן קעגן דער דײַטשער אַגרעסיע". 4)

עס איז אויפגעקומען דער דינאַמישער כוח אין דער פּוילישער אונטערערד, וואָס האָט אַ שטויס געטאָן פאָרויס די ווידערשטאַנד־באַוועגונג און האָט באַלד אין זײַן ערשטער פּראָגראַם־דעקלאַראַציע פאָרמולירט קלאָרע לאָזונגען פון:

1. באַלדיקן קאַמף קעגן אָקופּאַנט;
2. געאייניקטן נאַציאָנאַלן קאָמפּראָנט;
3. צוגרייטונג צום נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד;
4. פרײַנדשאַפטבונד מיטן באַפרײַערישן ראַטן־פאַרבאַנד.

די פּראָגראַם־דעקלאַראַציע פון דער אַנטשטאַנענער, אַלט־נײַער

---

3) וור״נ. — רעכטע פּפּ״ס, וועלכע האָבן באַקעמפט דעם ראַטן־פאַרבאַנד און דעם ווידערשטאַנד־געדאַנק, פּונקט ווי אַלע פּאַרטייען פון דער לאָנדאָנער דעלעגאַטור.

4) Bolesław Bierut: “Podstawy ideologiczne PZPR” Warszawa 1951, str. 33—34

פּאַרטיי האָט אויך קלאָר און אומצווײדײַטיק פאָרמולירט איר שטע־לונג צו דער ייִדן־טראַגעדיע: אָפּשאַפן די מענטשן־פאַרשוועכנדיקע געטאָס, און דערנאָך — די פולע גלײַך־באַרעכטיקונג פאַר די ייִדן אין קומענדיקן, נאַציאָנאַל־ און סאָציאַל־באַפרײַטן פּוילן.

קיין שום פּוילישע פּאַרטיי האָט נישט גערעדט מיט אַזאַ שפּראַך סײַ וועגן דעם ווידערשטאַנד, סײַ וועגן די ייִדן, ווי די פּפּ״ר. די גאַנצע רעכטע פּוילישע אונטערערד האָט נישט בלויז געהאַט אַן אַנטיסאָוועטישע און אַנטיווידערשטאַנד־אָריענטאַציע, נאָר זי איז געווען דעמאָראַליזירט און דורכגעפרעסן דורך דער גאַנגרענע פון מיטאַרבעט מיטן שונא. די פעדעם האָבן געפירט פון דעם ווער־מאַכט־אויסשפּיר און פון געסטאַפּאָ צו דעם צווייטן אָפּטייל פון דער אָנפירונג פון זוו״ז (א״ק.) 5) וועלכער האָט געדרייט מיט דער גאַנצער רעכטער אונטערערד. נישט קיין ווונדער דעריבער וואָס די זעלביקע, וועלכע האָבן געמסרט די פּוילישע אַנטיפאַשיסטן און פּאַטריאָטן ,האָבן אויך געפירט אַ וויסטע העצע קעגן ייִדן. די פאַ־שיסטיש־פּוילישע „אונטערערדישע" פּרעסע איז, למשל, אַרויס מיט אַ טענה צו די דײַטשן, הלמאי זיי „פּריווילעגירן" די ייִדן און ראַטן זיי נישט אויס. די „לײַטישע" און „סאָלידע" אָפּיציאָזן פון דער דעלעגאַטור האָבן אויף טריט און שריט דערמאָנט וועגן „זשי־דאָ־קאָמונאַ", מען זאָל וועגן דעם, חלילה, נישט פאַרגעסן. די וור״נ האָט אין איר פּראָגראַם פון קומענדיקן פּוילן אויך נישט פאַרגעסן אַ שטאָך צו טאָן די ייִדן, און דהיינו: אַז עס וועט ליקווידירט ווערן די „ייִדישע ספּעקולאַציע". אין אַזאַ לאַגע איז קלאָר אַז די ייִדישע מאַסע האָט אָפּגעעטעמט פרײַער ווען עס האָט זיך דערהערט דער עכט מענטשלעכער קול פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי. די יעניקע גרופּקעלעך אין געטאָ וואָס זענען געווען די טראַנסמיסיעס פון דער דעלעגאַטור־פּלאַטפאָרם, — אַ שטייגער דאָס „זשאַגעוו"־קלײַזל, וואָס האָט געפּריידיקט דעם פּילסודסקי־קולט, — האָבן אָנ־געטראָפן אויף אַ פולשטענדיקער פאַראַכטונג און זענען געווען לגמרי איזאָלירט.

די אַלע וואָס האָבן געזוכט אַן ענטפער אויף דער מאַטערנדי־קער פראַגע „וואָס טאָן?" און געטרוימט וועגן מעשים, האָבן גע־ווענדט זייערע בליקן צו דער פּפּ״ר, וועלכע האָט טאַקע גאָר אין גיכן געוויזן דעם ריכטיקן וועג.

.2

## דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק

אין דער ערשטער גרופּע טוערס, וואָס האָבן אין יאַנואַר 1942 געגעבן די איניציאַטיוו צו שאַפן די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי און צווישן וועלכע עס זענען געווען דער ערשטער גענעראַל־סעק־רעטאַר פון דער פּאַרטיי מאַרצעלי נאָוואָטקאָ און פּאַוועל פינדער, האָט זיך אויך געפונען דער געוועזענער שפּאַנישער קעמפער אַנדזשעי שמיט (פּסעוודאָנים פון פּיניע קאַרטין), וואָס האָט באַלד בײַם אָנהייב באַקומען די מיסיע צו גיין אין געטאָ און אָרגאַניזירן די ייִדן. אין גיכן האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּפּ״ר אַרויס־געגרופן פון ביאַליסטאָק דעם אַלטן באַקאַנטן קאָמוניסטישן טוער יוסף לעוואַרטאָווסקי („פינקעלשטיין", „דער אַלטער יוסף") און אים באַשטימט פאַרן באַפולמעכטיקטן פון צ״ק אין געטאָ. אַזוי אַרום האָט די אָנפירונג פון פּפּ״ר געשיקט אין געטאָ אַרײַן צוויי פון

---

5) זוו״ז. — מיליטערישע פאָרמאַציע פון די לאָנדאָן־אָריענ־טירטע עלעמענטן, אַנטיסאָוועטיש און אַנטיסעמיטיש; שפּע־טער געענדערט דעם נאָמען אויף א״ק (אַרמיאַ קראַיאָוואַ).

אירע בעסטע מענטשן. פון צײַט צו צײַט פלעגן באַזוכן דאָס געטאָ אויך אַנדערע טוער פון פּפּ"ר, פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, למשל איזאָלדאַ קאָוואַלסקאַ, און פון שכנותדיקן פּאָוואַנזסער ראַיאָן־קאָמיטעט הענריק קאַליצקי, און נאָך. לעוואַרטאָווסקי האָט אײַנגעהאַלטן קאָנטאַקט דורך פאַרבינדלער מיטן פּאַרטיי־פירער נאָוואָטקאָ.

לעוואַרטאָווסקי האָט נאָכן צעמענטירן אַלע גרופּעס און נאָכן שאַפן אַ גוט־אָרגאַניזירטן ראַיאָן־קאָמיטעט אין באַשטאַנד פון שמואל צימערמאַן (אַדאַם מערעטיק), יעקב דרייער (קובאַ), אַנדזשעי שמיט, דוויד וולאָסקאַ (טאַדעק), זיך גענומען צום פאַרווירקלעכן די פּראָגראַם פון קאַמפּסאייניקייט.

לויט לעוואַרטאָווסקיס און שמיטס איניציאַטיוו, לויט דער איניציאַטיוו פון פּפּ"ר איז אויפגעשטאַנען דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק פונעם געטאָ, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַראייניקן אַלע ווידערשטאַנד־גרייטע עלעמענטן, צו אַנטוויקלען אַ ברייטע אויפקלערונגס־אַרבעט, צו פירן אַ מיליטערישע אויסשולונג. צום בלאָק, וואָס איז געווען אַן אויסדרוק פון איינהײַטלעכן נאַציאָנאַלן אַנטיפאַשיסטישן קאַמפּספראָנט, זענען אונטער דער אָנפירונג פון דער פּפּ"ר צוגעטרעטן לינקע עלעמענטן פון השומר הצעיר פּועלי ציון און דרור.

אין מאַרץ 1942 האָבן די פאָרשטייערס פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק גענומען פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן „בונד", אויך ער זאָל צוטרעטן צום איינהײַטלעכן נאַציאָנאַלן קאַמפּספראָנט. אין די רייען פון „בונד" און פון „צוקונפט" איז אָנגעגאַנגען אַ דיסקוסיע, עס האָבן זיך אַרויסגעטיילט לינקע, איינהײַטספראָנטיקע עלעמענטן, מיט ד"ר לעאָן פײַנער און אַנדערע בראָש, אָבער די אָנפירונג פון דער פּאַרטיי איז געלעגן אין די הענט פון מענטשן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט די רעכטע פּפּ"ס און האָבן רעפּרעזענטירט אין געטאָ די ליניע פון דער לאָנדאָנער דעלעגאַטור, די ליניע פון „פּסיכישן ווידערשטאַנד" און פון „שטיין מיט דער ביקס בײַ די פיס". אַ טייל בונדישע יוגנט־טוערס האָט זיך געוואַקלט, זייער ענטפער אויף די פאָרלייגן פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק איז געווען: „אונדזער האַרץ איז מיט אײַך, אָבער דער שכל איז קעגן". דער „שכל" האָט זיך נאָך געפונען אין קלעם פון אילוזיעס און פון די אַלטע אַנטיקאָמוניסטישע און אַנטיאייניקייטס־פראָנטיקע פאָראורטיילן.

די מאָגערע גרופּע פון די „פּוילישע סאָציאַליסטן" 1), וואָס האָט זיך געפונען אין געטאָ און אַרויסגעוויזן אַ געוויסע רירעוודיקייט אין פראַגעס פון אויסשפּירן ייִדישע געסטאַפּאָ־אַגענטן 2), האָט אָבער קיין גרעסערע השפּעה בײַ ייִדן נישט געהאַט. אויך בײַ זיי איז בולט געוואָרן אַ שיידליניע צווישן איין טייל, וואָס האָט זיך אָריענטירט אויפן „בונד" און אויף זײַן פאַרעלטערטער שטעלונג, און אַ צווייטן, וואָס האָט גראַוויטירט צו פּפּ"ר און ממילא צום אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. בראָש פון די לעצטע האָבן זיך אַרויסגערוקט די לינקע סאָציאַליסטן: א. טעשנער, אינזש' יעזשי נוידינג א"אַ. די דאָזיקע לינקע סאָציאַליסטן זענען אָפּט אַרײַן אין קאָנפליקטן מיט די רעכטע, וואָס פלעגן פּרוּוון אָפּשטעלן די אויסגאַבעס פון די לינקע 3). נאָך די ערשטע דערשיטערונגען און קלעפּ פון אַפּריל 1942 4) איז זיך די גאַנצע גרופּע צעפאַלן. זי האָט קיין אָנשפּאַר בײַ די ייִדישע מאַסן נישט געהאַט — די איינהײַטספראָנטיקע עלעמענטן פון די „פּוילישע סאָציאַליסטן" אין געטאָ האָבן זיך דעמאָלט אַרײַנגעגאָסן אין פּפּ"ר.

צום אַנטיפאַשיסטישן בלאָק זענען אויך נישט צוגעטרעטן די בורזשואַז־ציוניסטישע עלעמענטן, וואָס דער רעכטער טייל זייערער האָט זיך געפונען אין אָדער אַרום דעם יודענראַט, און דער מער דעמאָקראַטישער טייל, פון מנחם קירשנבוימס שניט, האָט מורא געהאַט פאַרן ווידערשטאַנד־געדאַנק און זיך געטוליעט אַרום די אַלייןהילף־אינסטיטוציעס. די ציוניסטישע יוגנט האָט אין אירע אויסגאַבעס געבראַכט צום אויסדרוק די אייגענע רעזאָריענטאַציע און מאַכטלאָזיקייט און זי האָט זיך געוואַרעמט אינעם בלייכן פײַער פון דער העברעיִסטישער קולטור־געזעלשאַפט „תקומה", וועלכע האָט קיין דויערנדיקע שפּורן נישט איבערגעלאָזט. די אַלגעמיינע און רעכט־סאָציאַליסטישע ציוניסטישע פּרעסע האָבן רעפּרעזענטירט די אָריענטאַציע אויף די אַמעריקאַנישע און ענגלישע גרויסמאַכטן, זיך אַליין און אַנדערע דערנערט מיט דער אילוזיע, אַז פון קאַפּיטאַליסטישן מערב וועט קומען די ישועה. אַ שענדלעכע טעטיקייט האָט געפירט דער רעכטער פּועלי־ציוניסט אברהם גאַנצווייך*), וועלכער האָט אָרגאַניזירט — ווי עס שטעלט פעסט רינגעלבלום — אַ שפּיאָנאַזש־טעטיקייט לטובֿ היטלער־דײַטשלאַנד אויף די מזרחדיקע, סאָוועטישע געביטן.

אַזוי אַרום איז שוין אין מאַרץ 1942 דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק געווען אין וואַרשעווער געטאָ דער איינציקער כּוח, וואָס האָט דרייסט אַרויסגערוקט און געפּריידיקט די ווידערשטאַנד־אידעע און וואָס איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ קלאָרער פּראָגראַם — אין אָנשפּאַר אויף דער נאַציאָנאַל־פראָנטיקער און קאַמף־פּלאַטפאָרם פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי און אונטער איר אָנפירונג.

דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק איז געווען דער פּיאָנער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ. זײַנע פינפטלעך, וועלכע האָבן געפירט אַ מיליטערישע אויסשולונג אונטער דער

1) — „פּאָלסצי סאָציאַלישטשי", אַן אָפּשפּאַלטונג פון פּפּ"ס. די „פּוילישע סאָציאַליסטן" זענען אַרויסגעטרעטן קעגן די פּילסודטשיקעס און קעגן דער „לאָנדאָנער" פּאָליטיק. זיי האָבן זיך אָבער שטאַרק געוואַקלט אין אַ ריי אַנדערע גרונטיקע פראַגעס און ערשט אָנהייב 1943 אָנגענומען אַ שטעלונג פון אָנטיילנעמען אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. שפּעטער איז געקומען בײַ זיי אַ שפּאַלטונג אויף רעכטע, וואָס האָבן געפירט אַ דיווערסיע־אַרבעט קעגן פּפּ"ר, און אויף איינהייטספראָנטיקע, וועלכע זענען צוגעטראָטן צו דעם קר"נ (נאַציאָנאַלער ראַדע), וואָס אין זײַן שפּיץ איז געשטאַנען באָלעסלאַוו ביערוט.

2) אין אַרכיוו פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט געפינט זיך אַ רשימה פון ייִדישע געסטאַפּאָ־אַגענטן, פון דער ייִדישער פּאָליציי און אַנדערע קאָלאַבאָראַנטן, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דורך דעם ראַיאָן פון די „פּוילישע סאָציאַליסטן" אין געטאָ.

3) אַזוי איז צוליב אַן אַרטיקל וואָס האָט קריטיקירט די דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אָפּגעשטעלט געוואָרן די געטאָ־בײַלאַגע פון „באַריקאַדאַ וואָלנאָשטשי" (פרײַהייטס־באַריקאַדע), דער אָרגאַן פון די „פּוילישע סאָציאַליסטן".

4) וועגן דעם זע ווײַטער.

*) אין יאָר 1930 איז דערשינען אברהם גאַנצווייכס אַ בראָשור אונטערן נאָמען „אונדזער ענטפער (צו דער גזירה קעגן דער חלוצים־גזירה)" אַרויסגעגעבן דורך דער „ייִדישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון פאַראייניקט מיט ציוניסטן־סאָציאַליסטן" אין זאַגלעמביע — אייבערשלעזיע.

געניטער אנפירונג פון דערפארענעם שפאנישן קעמפער, דעם פפ״ר־טוער אנדזשעי שמיט, האבן געוויזן א מוסטער דער ברייטערער יוגנט־מאסע, ווי אזוי מען דארף האנדלען אין די שווערע נסיונותדיקע טעג. די קאמפס־פארמאציע פונעם אנטיפאשיסטישן בלאק איז געווען אידעיש און ארגאניזאציאנעל פארבונדן מיט דער פאלקס־גווארדיע, וועלכע האט דאך אריינגענומען אין אירע רייען די אלע וואס האבן געוואלט באמת קעמפן קעגן אקופאנט און זיך געשטעלט אויפן שטאנדפונקט פון איינהייטלעכן נאציאנאלן קאמפספראנט און פון בונד מיטן באפרייערישן ראטן־פארבאנד. די קאמפסגרופעס פון אנטיפאשיסטישן בלאק האבן זיך געפונען אינעם בולטן ווירקונגס־קרייז פון דעם קרבנותפולן קאמף פון דער סאוועטישער ארמיי. עדי־ראיה גיבן איבער ווי גרויס עס איז געווען דער סוגעסטיווער איינפלוס פון אנדזשעי שמיט, ארום וועלכן עס זענען ארומגעגאנגען פון מויל צו מויל לעגענדעס. ער איז אין די רייען פון די ווידערשטאנד־טרוימערס און אפילו אין די ברייטערע געטאקרייזן פארגעשטעלט געווארן ווי א ספעציעלער שליח פון העלדישן מאסקווע, ווי א לעגענדארער פאראשוטיסט, וואס האט זיך פרייוויליק אראפגעלאזט אין פארפייניקטן פוילן כדי צו העלפן די טאפל ליידנדיקע יידן. און ווער עס איז דירעקט געקומען אין בארירונג מיט אט דעם טאלאנטפולן קאמאנדיר און טרייען אנטיפאשיסט, האט זיך נישט געקאנט באפרייען פון דעם צויבער און כוח, וואס האבן געשלאגן פון אט דעם באשיידענעם און שטילן אידעאליסט.

אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון אנדזשעי שמיט האט זיך דערצויגן איינער פון זיינע דריי געהילפן — דער אפטיילונג־קאמאנדיר מרדכי אניעלעוויטש.

שמיט איז געווען דער פירער פון דער מיליטערישער פארמאציע פון אנטיפאשיסטישן בלאק, בעת יוסף לעווארטאווסקי איז געווען דער ארגאניזאטאר און פירער פון אנטיפאשיסטישן בלאק און פון דער ווידערשטאנד־באוועגונג בכלל.

די מיטגלידער פון דער אנפירונג פונעם בלאק האבן שוין דערקענט דעם דאזיקן לאנגיאריקן קאמוניסטישן טוער זינט די ערשטע טעג פון זיין אנקומען אין געטא, ווען ער האט זיך תיכף אריינגעווארפן אין דער טעטיקייט פון אויפשטעלן דעם איינהייטלעכן נאציאנאלן קאמפספראנט. זיי האבן שוין דעמאלט געהאט א געלעגנהייט צו באוואונדערן זיין קלארן שכל, זיין לאגישע ארגומענטאציע, זיין ברייטן בליק, זיין אליינבאהערשטקייט, וואס שוין דאס אליין איז געווען א געוואלדיקע מעלה אין דער ארומיקער היסטערישער שטימונג. לעווארטאווסקי האט פארמאגט די באזונדערע פעיקייט צו זאמלען ארום זיך די בעסטע מענטשן און אריינצובלאזן אין זיי באגייסטערנדיקע אידעעס. און רעפרעזענטירט האט ער נישט סתם זיך אליין, נאר א וואגיקן ארגאניזירטן כוח. ער האט רעפרעזענטירט די פארטיי, וועלכע איז געווען היסטאריש בארופן ארויסצופירן די פוילישע אונטערערד פון קלעם פון צעמישונג און א שטויס טאן זי צו געוואגטע מעשים פון מוטיקן ווידערשטאנד. לעווארטאווסקי האט רעפרעזענטירט די אידעע פון אנשפאר אויפן ראטן־פארבאנד, די אידעע פון נאציאנאלער קאמפסאיינהייט, די אידעע פון ווידערשטאנד און אויפשטאנד. איז טאקע נישט קיין וואונדער, וואס ביי די, וועלכע האבן זיך מיט אים געטראפן אין יענער צייט, איז געבליבן אן אומפארגעסלעכער איינדרוק פון דעם דאזיקן מענטש, וואס האט געמאכט מיט זיינע ווערטער און מעשים א גאנצע איבערקערעניש אין די מוחות און הערצער פון די אלע אין געטא, וועלכע האבן מיט דער גאנצער נשמה געוואלט הערן א שטארקן און איבערצייגעוודיקן ענטפער אויף דער וויכטיקסטער פראגע: וואס טאן?

אין מערץ 1942, איז לעווארטאווסקיס שאפונג, דער אנטיפאשיסטישער בלאק, געווען א יש. און אין אפריל פון זעלביקן יאר האט לעווארטאווסקי — און אין איינעם מיט אים דער גאנצער אנטיפאשיסטישער בלאק — געוויזן דעם שליסל צום אויסוועג אין דער פלוצעם־אויפגעשטאנענער טראגישער סיטואציע.

זינט דעם סוף 1941 איז דער פעלקער־מערדערישער אקופאנט צוגעטראטן צו דער פלאנמעסיקער דירעקט־פיזישער טאטאלער אויסראטונג פון דער יידישער באפעלקערונג אין אונטעריאכטן פוילן. עס איז געקומען די צייט, ווען דער שונא האט זיך שוין מער נישט געוואלט באפרידיקן מיט די פארטיליקונגס־עטאפן, וועגן וועלכע עס רעדט דער שעף פון דער היטלעריסטישער זיכערקייט־פאליציי ריינהארדט היידריך אין דעם ערשטן טייל פון זיין טרויעריק־בארימטן „שנעלבריוו” פון 21טן סעפטעמבער 1939. איצט זענען די פעלקער־מערדערס צוגעטראטן צו רעאליזירן דעם צווייטן טייל פון היידריכס פלאן, און נעמלעך — צו פארווירקלעכן דעם „ענדציל”: די אבסאלוטע פיזישע פארטיליקונג פון יידישן שטאם 5).

די ערשטע עטאפן, וואס האבן געדארפט פירן צו דעם אומקום פון די יידן, האבן געבראכט פאר די פעלקער־מערדערס נאר טיילווייזע רעזולטאטן. די פארטיליקונג־עטאפן זענען געווען: שווערע קאנטריבוציעס, נירענבערגער געזעצן, פאגראמען, בארויבונג פון גאנצן אומבאוועגלעכן און צום טייל באוועגלעכן פארמעגן, געלע לאטע, געטא, גירושים, צוואנגארבעט, מאראלישע דערנידערונג, אויסהונגערונג, באקטעריאלאגישער אנגריף, מגיפות. אין משך פון סוף 1939 ביז זומער 1942 זענען דורך די אלע אומדירעקטע מארדמיטלען אומגעקומען אין ווארשעווער געטא ארום הונדערט טויזנט יידן; דער מלאך המות האט די גרעסטע פארוויסטונג געמאכט צווישן דער ארבעטערשאפט, דער אינטעליגענץ, די פליטים און גולים 6) און בכלל צווישן דער ברייטער ארעמשאפט. אבער פארן היטלעריסטישן פעלקער־מערדער איז דאס געווען צו ווייניק. די יידישע מאסע האט — קעגן דער פאלקספיינדלעכער שטעלונג פון יודענראט — אליין מאביליזירט אירע כוחות צום קאמף קעגן מגיפות און הונגער און מיט איבערמענטשלעכער אנשטרענגונג, אין אנשפאר אויף א ריי געזעלשאפטלעכע אליינהילף־אינסטיטוציעס און הויז־קאמיטעטן, אין א געוויסער מאס אפגעהאלטן דעם אומהיימלעכן פארויסמארש פונעם טויט. דער אקופאנט איז, פארשטייט זיך, נישט געווען צופרידן פון אזא צו קליינעם, לויט זיין מיינונג, טעמפ פון אומקום. די דייטשע זיכערקייט־פאליציי האט געזען אין דעם איזאלירטן געטא א פייער־געביט פון כסדרדיקע אומרועןאון מרידות. שוין אין זיין אויבן דערמאנטן „שנעלבריוו” שטרייכט אונטער היידריך, אז די יידן מוז מען איזאלירן, ווייל זיי באטייליקן זיך אין דער באוועגונג פון פרייע שיסערס און פון באנדעס (לייען: פארטי־

5) דער ענדגילטיקער טויטאורטייל איבערן יידישן פאלק איז געפאלן אויף דער קאנפערענץ, וואס איז גערופן געווארן לויט דער איניציאטיוו פון הערמאן גערינג. די קאנפערענץ פון די פארשטייער פון פארשידענע צענטראלע אמטן פון „דריטן רייך” — פאראינטערעסירטע אין דער „ענדגילטיקער ליזונג פון דער יידן־פראבלעם” — איז פארגעקומען דעם 20טן יאנואר 1942 אין בערלין אינעם רייכס־זיכערהייטס־הויפט־אמט. די אנפירונג מיט דער גאנצער פארטיליקונגס־אקציע איז געווארן אנפארטרויט היידריכן.

6) פליטים — מענטשן, וואס זענען אליין אנטלאפן פון זייערע היימערטער; גולים — מענטשן, וואס זענען ארויסגעטריבן געווארן פון זייערע שטעט און שטעטלעך דורך דעם אקופאנט.

זאנערם). דער דאזיקער אומשטאנד איז געווען א דארן אין אויג פון דער ווערמאכט־אנפירונג, וועלכע האט זיך שוין געגרייט אנהייב 1941 צו רעאליזירן דעם „בארבאראסא־פלאן”, דעם פלאן פון פלורצעמדיקן אנפאל אויפן ראטן־פארבאנד. עס איז זייער כאראקטעריסטיש, וואס ערב דעם דאזיקן אנפאל האט פעלדמארשאל קייטעל באזוכט ווארשע און — ווי עס גיט איבער רינגעלבלום — אויפן סמך פון זיכערע ידיעות האט קייטעל שוין דעמאלט באטאנט, אז די יידן מוזן ווערן פון ווארשע ארויסגעטריבן; איז דאך טאקע ווארשע געווען דער וויכטיקסטער קאמוניקאציע־צענטער אויפן דירעקטן שליאך דייטשלאנד — מזרח־פראנט. נאך די יידן האט געדארפט קומען די ריי אויף דער פוילישער באפעלקערונג. דער גוט־אינפארמירטער אונטערערדישער פוילישער נייעס־ביולעטין „אינפארמאציא ביעזשאנצא” האט אין מיטן זומער 1942 מיטגעטיילט פון דייטשע קוועלן, אז די געטא־ליקווידאציע איז אן אנהייב צו א גרויסער אויסראטונגס־אקציע פון די פוילישע ווידערשטאנדעלעמענטן און פון פוילישן ווארשע בכלל. אזוי ארום ווערט קלאר פאר וואס עס איז אין יענער צייט, סוף 1941 און ערשטע העלפט 1942, אויפגעקומען אין די פינצטערע פארברעכערישע מוחות פון די אנפירערס פון דער היטלעריסטישער זיכערקייט־פאליציי און פון דער היטלעריסטישער ארמיי דער קאנקרעטער פלאן צו ליקווידירן פיזיש און טאטאל די יידישע באפעלקערונג און נאך איר — אכציק מיליאן סלאוון.

די יידן און א גרויסער טייל פון די סלאווישע באוווינערס פון די צייטווייליק פארכאפטע ראטן־פארבאנדישע געביטן זענען אויסגעראטן געווארן בדרך כלל באלד אויפן ארט, תיכף נאכן ארייַנמארשירן פון קייטעלס, האטס, מאנשטיינס גודעריאנס און אנדערע ארמייען און קארפוסן פון די נאצישע מארשאלן און גענעראלן. א ריזיקער בלוטיקער שטראם האט זיך צעגאסן איבער די יישובים אין קיעוו, כארקאוו, קרים, האמעל, וויטעבסק, סלאנים. דא איז דער בלוטיקער שניט דערפירט געווארן באלד ביזן סוף. טיילווייַזע אויסראטונגען האבן געהאט אן ארט אין לוואוו, ביאליסטאק, ווילנע, מינסק און אנדערע קיבוצים, ווו די פארטיליקונג איז צעלייגט געווארן אויף עטלעכע עטאפן — דערווייל איז די שקלאפישע ארבעטסקראפט פון די איזאלירטע יידן אויסגענוצט געווארן ביזן ביין, כדי אין גיכן אויך די דאזיקע לעצטע אויסגעמאטערטע אין כסדרדיקן אומרו און פייַן קנעכט צו ליקווידירן מיט כלערליי מיתות־משונות.

אזוי ארום האט זיך די בלוטיקע כוואליע פון מזרח דערנענטערט אנהייב 1942 צו די גרענעצן פון דער גענעראל־גובערניע.

אין מארץ, אין זעלביקן חודש ווען עס איז אנטשטאנען אין דער ווארשעווער געטא־אונטערערד דער אנטיפאשיסטישער בלאק, איז אנגעקומען צו די ווארשעווער יידן די ערשטע אויפטרייסלענדיקע ידיעה, אז דעם 17טן מארץ האט געהאט אן ארט דאס ארויסטרייַבן די יידן פון לובלין קיין בעלזשעץ; דרייַסיק טויזנט לובלינער יידן זענען אחוץ דעם אומגעבראכט געווארן אויפן ארט אין לובלין גופא, הינטער דער שטאט.

פון לובלין האט זיך די טויט־גירוש־ און אויסראטונגס־כוואליע צעגאסן איבערן גאנצן דיסטריקט.

די ערשטע איוב־בשורות האבן געבראכט פוילישע מענטשן, וואס זענען געשטאנען אין פארבינדונג מיטן געטא. טייל טרויעראינפארמאציעס האבן מיטגעבראכט מיט זיך די שרעקלאזע יידישע פארבינדלערינס פון די ארגאניזאציעס פונעם אנטיפאשיסטישן בלאק, די פרומקעס, כאנטשעס און אנדערע.

נייַע מאדנע גרויליקע ווערטער האבן זיך באוויזן אויף די בלייכע ליפן פון די אייַנוווינערס פון ווארשעווער געטא: „אקציע”, „אויסזידלונג”, „פארניכטונגס־קאמאנדע”.

און אין דער זעלביקער צייַט האט גענומען צושווימען צו ווארשע א צווייטער בלוטיקער שטראם — פון דער מערב־זייַט. זינט נאוועמבער 1941 האט שוין געבושעוועט די טויטפאבריק אין כעלמנא הינטער קויל (קאלא) אין דעם א"ג „ווארטע־לאנד”, וואס איז אפגעריסן געווארן דורכן אקופאנט פון פוילישן פארשקלאפטן לאנד. מען האט דערציילט אז 40 טויזנט יידן און ציגייַנערס האט מען דארטן דערשטיקט צום טויט אין די שווידערלעכע „דושעגובקעס”.

צום ערשטן מאל האבן ווארשעווער יידן דערהערט וועגן מאסןהריגות דורך גאז.

דער פשוטער געטא־ייד האט מיט פארצווייַפלונג געפרעגט: פון וואנען וועט קומען מייַן הילף?

אבער צו גלייַך מיט די דערדריקנדיקע ידיעות וועגן אומקום פון הונדערטער טויזנטער זענען דערגאנגען אויך אנדערע קלאנגען — גרוסן, וואס האבן אנגעפילט מיט כוח און געוויזן א שווערן און געפערלעכן, אבער ווערדיקן אויסוועג.

אנגעקומען זענען די גרוסן פון די מערב־ווייַסרוסישע געביטן, פון יענע ערטער ווו די יידישע באפעלקערונג האט אין משך פון קנאפע צוויי יאר געאטעמט מיט דער מענטשן־פרייַער לופט פון דער סאוועטישער אטמאספער — פון נאוואגרודעק, פון ניעסוועזש, פון לעכעוויטש זענען דערגאנגען אזש ביז ווארשע די גרוסן וועגן דעם אקטיוון ווידערשטאנד און דער זעלבשוץ פון דארטיקע מוטיקע יידן, וועגן קאמפן מיט דער דייַטשער זשאנדארמעריע, וועגן מאסןאנטלויפן אין די וועלדער, ווו עס האבן זיך פארמירט פארטיזאנישע מחנות.

דאס ווארט „נאוואגרודעק” איז געווארן א שלאגלאזונג אין ווארשעווער געטא. „נאוואגרודעק” איז געווען דער פשט: ווידערשטאנד.

אין גיכן איז אנגעקומען פון א גרויסן אקופירטן צענטער אן אנדער גרוס, וואס האט געוויזן א דערמוטיקנדיקן בייַשפיל, ווי אזוי מען קאן אזא ווידערשטאנד ארגאניזירן.

אין אפריל 1942 איז דורך געהיימע וועגן אנגעקומען קיין ווארשע, אין געטא, א יוגנט־דעלעגאציע פון ווילנע. געהאלפן האט איר זיך ארייַנצובאקומען קיין ווארשע א דייַטשער אונטעראפיציר, אן אנטיפאשיסט, אנטאן שמידט, וועלכער איז דערנאך פארן חטא פון העלפן יידן דערהרגעט געווארן דורך די נאצישע באנדיטן.

צוויי פארשידענע גרוסן האט געבראכט די יוגנט־ארגאניזאציע. איין טרויעריקן גרוס וועגן דער טראגעדיע אין פאנאר, וועגן די שרעקלעכע הריגות פון טויזנטער יידישע מענטשן. און א צווייטע בשורה — וועגן דער אנטשטייונג פון דער פאראייניקטער פארטיזאנישער ארגאניזאציע פון ווילנער געטא, אונטער דער אנפירונג פונעם קאמוניסט איציק וויטענבערג. די פפ"א איז געווען א פארעם פון א ברייטן נאציאנאלן קאמפספראנט און אן ארגאנישער טייל פון דער אלגעמיין־ליטוויש־סאוועטישער ווידערשטאנד־באוועגונג, וואס האט עקסיסטירט אין דער ווילנער אונטערערד.

די טוערס פונעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק האָבן אין אַפּריל 1942 צונויפגערופן אַ זיצונג פון א״ג געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו אין געטאָ, פאַרבעטן נישט בלויז די אַנטיפאַשיסטן, נאָר אַלעמען, ביז די פאָרשטייערס פון די רעליגיעזע ייִדן. אויף דער זיצונג האָט מען געדאַרפט אויסהערן אַ באַריכט פון ווילנע און אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פון אַ קאָאָרדינירטער ווידערשטאַנד־טעטיקייט.

דעם פאַרלויף פון דער דאָזיקער זיצונג האָט בײַ זיך פאַרשריבן איינער פון אירע אָנטיילנעמערס, מרדכי טענענבוים, טאַמאַראָוו. אַ יאָר שפּעטער, אין אַפּריל 1943, האָט ער, געפינענדיק זיך אין ביאַליסטאָקער געטאָ־אונטערערד, עס גענוי באַשריבן, און היות זײַנע שריפטן האָבן זיך טיילווײַז אָפּגעראַטעוועט, זענען מיר בכוח צו רעקאָנסטרויִרן אַ בילד פון דעם, וואָס איז אויף דער זיצונג פאָרגעקומען. דאָס איז אַ בילד, וואָס גיט אין אַ געוויסער מאָס אַן ענטפער אויף דער פראַגע: פאַר וואָס איז נישט געווען קיין מאַסן־ווידערשטאַנד פון די ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ בײַם אויסבראָך פון דער ליקווידיר־אַקציע?

די פאָרשטייערס פון די קרײַזן וואָס זענען נישט געווען פאַרטראָטן אינעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק זענען אַרויסגעטראָטן דעצידירט קעגן וועלכן נישט איז ווידערשטאַנד־געדאַנק. הגם די מאָטיווירונג פון די רעליגיעזע וואָרטזאָגערס, פון די אַלגעמיינע ציוניסטן און פון די רעכטע פירערס וועלכע האָבן דעמאָלט פאַרטראָטן דעם „בונד", איז געווען אַ פאַרשידענע, האָט זיך אָבער זייער שטעלונג דערפירט צו איינס: מען טאָר נישט פּראָוואָצירן דעם שונא, מען דאַרף נישט אַרויסרופן דעם וואָלף פון וואַלד, מען דאַרף וואַרטן און גאָרנישט טאָן.

הרב ניסענבוים פון „מזרחי" האָט באַגרינדעט זײַן קעגנערשאַפט צו דער איניציאַטיוו פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק און צום ווילנער רוף מיט „רעליגיעזע אַרגומענטן"; די ייִדישע רעליגיע, האָט ער געזאָגט, דערלויבט נישט צו באַגיין זעלבסטמאָרד, און אַרויסטרעטן אין אַקטיוון קאַמף קעגן שונא הייסט — נעמען זיך דאָס לעבן.

מנחם קירשענבוים פון די אַלגעמיינע ציוניסטן האָט געוואָרנט זיך נישט צו שפּילן מיט פײַער; נאָך אַלעמען, האָט ער געזאָגט, הוליעט דער היטלעריסטישער מלאך המות אין די סאָוועטישע געביטן; אין וואַרשע, דערקענען, אין הארץ פון אייראָפּע, וועלן זיך די נאַציס אויף אַזעלכע זאַכן נישט דערלויבן.

מאוריצי אָזשעך פון „בונד" *) האָט דערקלערט, אַז מען דאַרף רופן צו „פּסיכישן ווידערשטאַנד"; זײַן קעגנערשאַפט צום געדאַנק פון אַקטיוון קאַמף האָט ער אײַנגעהילט אין מליצות וועגן דעם אַז מען דאַרף וואַרטן ביז עס וועט אויפשטיין דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט.

בלויז פינקעלשטיין (לעוואַרטאָווסקי) האָט פאַרטראָטן די שטעלונג פון באַלדיקן אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד. זײַן אַרויסטריט האָט — ווי עס דרינגט אַרויס פון טאַמאַראָווס ווערטער — געטראָפן צו די געפילן און מיטגעריסן די לינקע עלעמענטן פון דער ציוניסטישער יוגנט, וועלכע האָט רעוואָלטירט קעגן דער קאַפּיטולאַנטישער שטעלונג פון „אָנערקענטע" ציוניסטישע פירער.

די ווילנער דעלעגאַציע איז אַרויס אַ צעבראָכענע פון דער זיצונג. די אילוזיעס, דאָס נישט פאַרשטיין די לאַגע, די שרעק האָב־

*) איינער פון די רעאַקציאָנערסטע פירערס פון „בונד", אַ שונא פונעם ראַטן־פאַרבאַנד און פון די קאָמוניסטן.

טיף געשטעקט בײַ די בירגערלעכע און רעכט־סאָציאַליסטישע טוערס.

דער אַנטיפאַשיסטישער באַוווּסטזיניקער טייל פון דער געטאָ־אונטערערד האָט פאַרשטאַנען אַז אָזשעכס מיינונג וועגן דעם, אַז מען דאַרף וואַרטן „ביז דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט וועט אַרויסטרעטן", איז אין גרונט אַ פאַלש־רעאַקציאָנערע. דער אַנטיפאַשיסטיש־פּאַטריאָטישער טייל פון דער פּוילישער אונטערערד האָט זיך שוין אַ שטאַרקן רודער געטאָן פון דעם מאָמענט אָן, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן צום לעבן די פּפּ״ר. דאָס האָט נישט בלויז געקאָנט באַמערקן דער פּלײַסיקער ייִדישער און פּוילישער אָבסערוואַטאָר פון פּאָליטישן לעבן אין לאַנד, דאָס האָט אויך זייער שנעל דערפילט דער אָקופּאַנט.

עס ליגט פאַר אונדז אַן אינטערעסאַנטער דײַטשער דאָקומענט: די געהיימע חודשלעכע באַריכטן פון דעם וואַרשעווער גובערניאַלן אַמט צו דער „רעגירונג" פון דער גענעראַל־גובערניע אין קראָקע, וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין וואַרשעווער דיסטריקט. ווען מיר פאַרגלײַכן דעם אינהאַלט און דעם טאָן פון די באַריכטן (אונטערגעשריבן דורך־דעם גובערנאַטאָר פישערס פאַרטרעטער ד״ר הומעל) פאַר די לעצטע חדשים פון יאָר 1941 מיט די ראַפּאָרטן פון די ערשטע חדשים פון 1942, קאָנען מיר זיך נישט באַפרײַען פון דעם אײַנדרוק, וואָס פאַר אַ טיפע ענדערונג עס איז אַרײַן אין דער פּוילישער אונטערערד. אין די ערשטע באַריכטן איז ד״ר הומעלס טאָן אַ רויִקער, ער איז צופרידן וואָס די פּוילישע אונטערערד פאַרנעמט זיך מיט „פּסיכישן ווידערשטאַנד", די זשאַנדאַרמישע פּאָסטנס אין קרײַז לעבן זיך געלאַסן און זיכער. אָבער שוין אין די באַריכטן פאַר יאַנואַר און פעברואַר 1942 ווערט דער דיסטריקט־פאָרשטייער אומרויִק, און וואָס ווײַטער, אין משך פון די שפּעטערדיקע חדשים, ווערט ער אַזש צערייצט. עס איז אויפגעקומען — זאָגט זיך אין די באַריכטן פאַר דער ערשטער העלפט פון יאָר 1942 — אַן אַנדער כוח אין דער פּוילישער אונטערערד, וואָס אָריענטירט זיך אויפן ראַטן־פאַרבאַנד. די פּוילישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג — שטעלט ווײַטער פעסט ד״ר הומעל — הייבט אָן אַריבערגיין פון פּראָפּאַגאַנדע צו אָנפאַלן אויף דײַטשן. די לאַגע פון די זשאַנדאַרמישע פּאָסטנס ווערט געפערלעך. עס באַווײַזן זיך פּאַרטיזאַנערס, עס הייבט זיך אָן אַ געראַנגל.

אויך די פּוילישע רעאַקציע האָט זיך אָנהייב 1942 אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון פון דער טיפער און גרויסער נײַעם וואָס איז אַרײַנגעבראַכט געוואָרן אין לעבן פון לאַנד מיטן אויפקום פון דעם דינאַמישן כוח וואָס הייסט פּפּ״ר. אין די אַרכיוון פון דער דעלעגאַטור, וואָס האָבן זיך אָפּגעפונען אין וואַרשע, איז פאַראַן אַ כאַראַקטעריסטישער דאָקומענט, אַ באַריכט פון דער אַנטיקאָמינטערן־סעקציע בײַ דעם דעלעגאַטאָרישן פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטייל. דער דאָזיקער באַריכט אַליאַרמירט, אַז עס איז אויפגעקומען אַ גרויסע געפאַר (פאַר דער רעאַקציע — ב. מ.), עס האָט זיך ווידער באַוויזן די „זשידאָ־קאָמונאַ", מען גייט שוין באַנײַעם אַגיטירן די פּאָליאַקן צו „אומבאַרעכנטע שריט", צום אויפשטאַנד.

וועגן די אַלע נײַע דערשײַנונגען אין דער פּוילישער אונטערערד האָט מען אין די באַוווּסטזיניקע געטאָקרײַזן געוווּסט. עס דערציילט וועגן דעם די לינקע געטאָ־פּרעסע און ביידע געטאָ־כראָניקערס אברהם לעווין און שמואל ווינטער, עס זאָגן עדות דערויף אַ ריי נאָטיצן בײַ רינגעלבלומען. נישט בלויז יעדער ווידערשטאַנדאַקט בײַ פּאָליאַקן איז מיט באַגײַסטערונג אויפגעכאַפּט געוואָרן דורך די ייִדן וואָס האָבן זיך אָריענטירט אויפן אַנטיפאַשיסטישן

בלאָק. לעווין דריקט אויס די גרויסע פרייד פון די געטאָ־אסורים מיט דער ידיעה וועגן דערהרגענען דורך טשעכישע פּאַטריאָטן דעם אייבערמערדער היידריך. דעריבער האָט זיך נישט אָנגענומען אָזשעכס שטעלונג, און אויך די שטעלונג פון די רעכטע ציוניסטישע פירערס, די שטעלונג וואָס איז געווען אַ ווידערקול פון לאָנדאָן. דעריבער האָט געהאַט אַזאַ ברייטן אָפּקלאַנג און טיפע סימפּאַטיע די טעטיקייט פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, די אַרבעט פון דער פּפּ״ר.

דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק טרעט צו אַרויסצוגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן — „דער רוף". דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק לאָזט אַרויס אַן אויפרוף צו דער ייִדישער באַפעלקערונג. דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק שטעלט זיך צום קאַמף קעגן די פאַלשע אילוזיעס, קעגן די גאַנצווייכיש־רומקאָווסקישע און ציוניסטיש־בורזשואַזע „טעאָריעס", אַז געטאָ איז גוט פאַר ייִדן, ווײַל דאָ קאָן זיך אַנטוויקלען דער... ייִדישער נאַציאָנאַלער טיפּ; קעגן זייער פאַררעטערישער אײַנשטעלונג, אַז היטלער־דײַטשלאַנד וועט זיגן און דעריבער דאַרפן ייִדן זיך זען אײַנפּאַסן אין זייער טרויעריקן מעמד אין די ראַמען פון דריטן רײַך. „דער רוף" באַקעמפט אויך די אָריענטאַציע אויף די מערב־גרויסמאַכטן, וועלכע איז געפלעגט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער און בונדישער פּרעסע. דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק פאַרטרעט אַן אומבויגזאַמע אָריענטאַציע אויפן ראַטן־פאַרבאַנד. דער „רוף" רעדט וועגן קאַמף פאַר אַ נײַעם, שטאַרקן סאָציאַל־גערעכטן פּוילן. ער וועקט צו שאַפן אַ ברייטן נאַציאָנאַלן קאָמפּספראָנט. די אַנטיפאַשיסטן ווערן בײַ זיך נישט געפאַלן צוליב די רעזולטאַטן פון דער זיצונג אין אַפּריל און אויך נישט פון די מאַרץ־אונטערהאַנדלונגען מיטן „בונד". אייניקייט אין קאַמף איז דאָס געבאָט פון דער שעה. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז איינע פון די פּרעסע־אויסגאַבעס פון פּפּ״ר אין געטאָ אין יענעם פּעריאָד טראָגט דעם פּילזאָגעוודיקן נאָמען „אייניקייט".

און דאָס סאַמע וויכטיקסטע: דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק, אָפּגעבנדיק זיך אַ קלאָרן און דרייסטן דין־וחשבון פון דער סיטואַציע און פון דעם וואָס עס דערוואַרט די ייִדן, מאַכט פיבערדיקע צוגרייטונגען צום אַקטיוון ווידערשטאַנד, צו זעלבשוץ.

פון אַלע פאַראַנענע מקורות דרינגט אַרויס, אַז די צײַט פון די חדשים מאַרץ, אַפּריל און מײַ איז געווען אַן אויפשטײַג־פּעריאָד פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז עס זענען פאָרגעקומען געהיימע מאַסן־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מען האָט אָפן גערעדט וועגן אַקטיוון ווידערשטאַנד. עס זענען אויך פאַראַן שפּורן, אַז מען האָט שוין דעמאָלט געמאַכט אַטענטאַטן אויף היטלעריסטישע וועכטערס.

איצט האָט גענומען דאָס וואָרט דער שונא. עס קומט דער ערשטער בלוטיקער קלאַפּ — די טרויעריקע נאַכט פון 17טן אויפן 18טן אַפּריל.

צו שווערע טעראָראַקטן איז דאָס געטאָ געווען צוגעוווינט שוין פון לאַנג. אָבער איצט איז געקומען אַ ציל־געווענדטער קלאַפּ, וואָס האָט געטראָפן אין אַן אָנגעזעענעם טייל פון די אַנטיפאַשיסטישע קאַדרען 6).. פון וואַנען עס האָט זיך גענומען דער פאַקט, וואָס די געסטאַפּאָ האָט געוווּסט וועמען אַרויסצושלעפן בײַ נאַכט פון דער היים און אוועקלייגן אַ טויטן מיט אַ שאָס אין נאַקן, איז נישט באַקאַנט. צי דער אָנהייב האָט זיך געצויגן פון די מאַסן־אַרעסטן פון פעברואַר אין די רייען פון די „פּוילישע סאָציאַליסטן", צי עס האָט דאָ געשטעקט אַ האַנט פון אַ פּראָוואָקאַטאָר, ווי עס סוגערירן געוויסע נישט לאַנג אַנטדעקטע מאַטעריאַלן, אָדער דאָס איז געווען די אַרבעט פון ייִדישע אַגענטן פון דער היטלעריסטישער זיכערקייט־פּאָליצײַ — אַזוי צי אַנדערש, נאָר נאָך דער הריגה פון 52 אַנטיפאַשיסטישע טוערס, פּראָגרעסיווע קולטור־עסקנים, זעצערס פון די קאָנספּיראַטיווע דרוקערײַען און מענטשן וואָס האָבן געשטיצט די באַוועגונג מיט געלט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון בלוטיקע רעפּרעסיעס און פּאָליטישע מאָרדן, וואָס האָט געדויערט ביז דער גרויסער ליקווידאַציע אין יוני 1942.

די דאָזיקע רעפּרעסיעס־אַקציע איז געווען נישט קיין לאָקאַלע וואַרשעווער דערשײַנונג. זי האָט זיך ווי אַ כוואַליע אַדורכגעטראָגן איבער אַ רײ שטעט און געטאָס, זי האָט געריסן לעבעדיקע שטיקער סײַ פון דער ייִדישער, סײַ פון דער אַלגעמיין־פּוילישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אין ליכט פון די לעצטע פּאָליטישע פּראָצעסן איבער נס״ז און „סטאַרט"־מענטשן ווערט קלאָר אַז אין די מאַסן־אַרעסטן האָט אויך געשטעקט די האַנט פון פּוילישע פאַררעטערס.

אויפן געטאָ איז אָנגעפאַלן אַ גרויל. אָבער די אַנטיפאַשיסטן האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר די רעפּרעסיעס. זיי האָבן זייער טעטיקייט פאַרשטאַרקט. נישט געקוקט אויף דעם ,וואָס דער פּרעזעס פון יודענראַט רופט אַרויס אַ טוער פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו, וועלכער איז פאַרבונדן מיטן בלאָק, און וואָרנט אים, עס זאָל אָפּגעשטעלט ווערן די אומלעגאַלע פּרעסע, פאַרגרעסערן די אַנטיפאַשיסטן דעם אונטערערדישן פאַרלאַג־וועזן. דער בלאָק לאָזט אַרויס דעם 15טן מײַ אַ שטאַרקן אויפרוף מיט אַ ווענדונג צו שטעלן אַ האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד, און מערקווערדיק: די זעלביקע דאַטע פון 15טן מײַ טראָגט דער ערשטער נומער פון דעם אָרגאַן פון דער פאָלקסגוואַרדיע „גוואַרדזשיסטאַ", וואָס האָט פאַרעפנטלעכט דעם באַרימטן באַפעל פון דער הויפּט־אָנפירונג פון דער דאָזיקער פּאַטריאָטיש־אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס־פאָרמאַציע צו די פּאַרטיזאַנערס, זיי זאָלן אַרויסמאַרשירן אין פעלד. אין געטאָ איז אַרײַנגעפירט געוואָרן אַ גרעסערע צאָל פונעם „גוואַרדזשיסטאַ", וועלכער האָט געמאַכט, ווי עס גיבן איבער עדי ראיה, אַן אומגעהייערן רושם. עס איז דעריבער נישט קיין פּשוטע זאַך, וואָס די ביידע דאַטעס פאַלן זיך צונויף. צוזאַמען מיטן אָנהייב פון דער קאָאָרדינירטער פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט אין לאַנד שטײַגט די שלאַכטגרייטקייט פון די ווידערשטאַנדלערס אין געטאָ. ביידע דערשײַנונגען זענען מיט זיך ענג געבונדן.

עס הייבט זיך אָן אַן אויסטערליש געפעכט צווישן דער געסטאַפּאָ און דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. די געסטאַפּאָ פירט אויס אירע נאַכטמאָרדן — די אַנטיפאַשיסטן גרייטן די ערשטע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס און רופן צו וואַכזאַמקייט, צו שליסן די רייען און צו ווידערשטאַנד.

דעם 30טן מײַ לאָזט זיך אַראָפּ אַ פרישער ווייטיקלעכער קלאַפּ. אין איינעם מיט די מאַסן־אַרעסטן צווישן פּפּ״ר־טוער אין וואַרשע בכלל, קומט דער טראַגישער אַרעסט פון די פּפּ״ר־טוער אין געטאָ; פון אַנדזשעי שמיט, אַדאַם מערעטיק און דוויד וואָלאָסקאָ. שמיט שטעלט אין גאַס אַ ווידערשטאַנד און ווערט אין אַ צעממיתטן צושטאַנד אָפּגעפירט אין פּאַוויאַק. די דרײַ מסירת־נפשדיקע קעמפערס, וועלכע האָבן געהערט צום הויפּטאַקטיוו פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, ווערן אומגעבראַכט דורכן בלוטגיריקן שונא.

---

6) עס זענען צוו״א דעמאָלט געפאַלן דער לינק־סאָציאַליסטישער טוער אינזשי יעזשי נוידינג, דער אונטערערדישער קולטור־טוער מאַגיסטער מנחם לינדער, שפּעטער — דער זעצער סקלאַר א״א.

שוועך האָבן די פּפּ"ר און דער אַנטיפאַשיסטישער אַקטיוו אָפּגעפילט דעם דאָזיקן קלאַפּ. אָבער אויפן אָרט פון די אומגעקומענע שטעלן זיך פרישע קאַדרען. די אַגיטאַציע גייט אָן ווײַטער — און די רעפּרעסיעס ווערן אַלץ חוצפּהדיקער און בלוטיקער. די תּלינים לויערן אין טויער, אויפן דאַך. זיי פאַרטײַען זיך בײַם געטאָ־איינגאַנג, זיי טוען זיך איבער פאַר יידן, זיי שיסן שוין איצט אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוואָס. די געטאָ־כראָניקעס פון מײַ און יוני זענען פול מיט ידיעות וועגן אומאויפהערלעכע מאָרדן. אין גיכן קומט אָן ענטפער פון די טיפעניש פון דער לײַדנדיקער מאַסע. פון אַן אומבאַקאַנטער האַנט פון אַ פאָלקס־נקמה־נעמער פאַלט אַ זשאַנדאַר בײַם געטאָ־טויער. דער שונא ענטפערט מיט אַ מאַסנמאָרד איבער 100 יידישע אַרבעטערס אין באַביץ, הינטער וואַרשע, „פאַר נישט הערן די מאַכט". פון אָט דער צײַט שטאַמט די באַקאַנטמאַכונג פון דעם היטלעריסטישן געטאָ־קאָמיסאַר אויערסוואַלד, וועלכער דראָט מיט די ווײַטגייענדיקסטע רעפּרעסיע־אַקטן פאַר „די יידן, וועלכע שטעלן זיך אַנטקעגן די פּאָליציי־פאַראָרדענונגען, אָדער פירן דורך געוואַלדאַקטן. די לאַגע ווערט וואָס ווײַטער אַלץ מער אָנגעשטרענגטער.

אָבער דער בלוטיקער טעראָר טוט דערווײַל זײַנס. ער שרעקט אָפּ אַ סך מענטשן, אַ סך אויך פון די, וועלכע האָבן זיך דערנענטערט צום אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. די מורא פאַר אַ קויל, וואָס קאָן טרעפן יעדע מינוט און אומעטום, האָט אָנגעוואָרפן אויף טייל מענטשן אַ געוואַלדיקן פּחד, און דער פאַקט האָט זיך געלאָזט פילן אין די ערשטע טראַגישע זומער־חדשים, ווען עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן געטאָ די קאַטאַסטראָפע פון דער ערשטער גרויסער ליקווידאַציע.

די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע האָט געטראָפן די ברייטע געטאָ־מאַסן אומגעריכט, הגם די אַנטיפאַשיסטן האָבן כסדר געוואָרנט און אַלאַרמירט. אָבער די אַנטיפאַשיסטן זענען, לײדער, נישט געווען דער איינציקער פאַקטאָר אין געטאָ. עס האָט אויך געווירקט די פאַרברעכערישע פּאָליטיק פונעם יודענראַט און פון די רעאַקציאָנערע ציוניסטישע און רעכט־בונדישע פירערס, וועלכע האָבן סאַבאָטירט דעם איינהײַטלעכן און נאַציאָנאַלן קאָמפּספראָנט. דער יודענראַט האָט אפילו אין דעם לעצטן מאָמענט, אין אָנבליק פון דער ליקווידאַציע, געפּריידיקט אויף גזשיבאָווסקע גאַס פאַרן פאַרזאַמלטן אומגליקלעכן עולם, אַז עס איז גאָרנישט, עס איז אַ פּשוטער אַרויספאָר אויף אַרבעט. עס האָט דעזאָריענטירט די פּערפידע טאַקטיק פון דעם אָקופּאַנט, וועלכער האָט אָנגעווענדט זײַנע כיטרע מעטאָדן פון פאַלשע צוזאָגענישן, פון „טייל און הערש" צווישן די כלומרשט פּריווילעגירטע אַרבעטנדיקע און די יידן אָן אַרבעטצײַגענישן. עס האָט אויך אָנטוואָפנט פּסיכיש די שטעלונג פון יענע קרײַזן, וועגן וועלכע עס דערציילט מרדכי טענענבוים אין זײַן אויבן ציטירטן באַריכט.

ווען עס האָבן אָנגעהויבן הוליען די פאַרניכטונגס־קאָמאַנדאָס מיט זייערע יידישע פּאָליצייִשע באַהעלפערס אונטער דער אָנפירונג פון די פאַררעטערס יאַקוב לײקין, יוזעף שערינסקי און שמערלינג, האָבן די טוערס פון פּפּ"ר און פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק געמאַכט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען צונויפצונעמען די כוחות און ענטפערן מיט ווערדיקע אַקטן אויף דער הוליענדיקער פאַרניכטונג. אויף אַ שנעל צונויפגערופענעם געזעלשאַפטלעכן געטאָ־אַקטיוו איז לעוואַרטאָווסקי אַרויסגעטראָטן מיט אַ פלאַמיקן רוף: לאָמיר גיין שטורעמען די מויערן פון געטאָ! טויזנטער וועלן פאַלן, הונדערטער וועלן זיך אַדורכרײַסן! — דער דאָזיקער רוף איז געווען פּאָפּולער אין די אַנטיפאַשיסטישע קרײַזן — עס זאָגט וועגן

דעם עדות דער פאַקט, וואָס דער לערער ישראל ליכטענשטיין איינער פון די, וועלכע האָבן באַגראָבן אונטער דער ערד די ערשטע קעסטלעך פונעם רינגעלבלום־אַרכיוו, איז אין זײַן לעצטן בריוו, וואָס ער האָט דאָרטן איבערגעלאָזט, געקומען צום זעלביקן אויספיר; ער קריטיקירט ביטער די יעניקע געזעלשאַפטלעכע טוערס, וועלכע האָבן ליבערשט געוואָלט זיך פאַרשטעקן אין בונקערס און געלאָזט די מאַסע אויפן בראָט פונעם גורל; מען האָט געדאַרפט, שרײַבט ער, שטורעמען די געטאָ־מויערן. אַ סך וואָלטן געפאַלן, אָבער מיר וואָלטן פאַרפלייצט די „אַרישע" גאַסן און אפשר וואָלט זיך מיטגעריסן דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט.

אַן אָפּקלאַנג פון לעוואַרטאָווסקיס לײדנשאַפטלעכן רוף געפינען מיר אויך אין יהושע פּערלעס כראָניק „חורבן וואַרשע". אויך ער רעדט מיט ביטערניש, פאַר וואָס מען איז נישט אַרויס מיט העק און שטעקנס צו די געטאָווענט און ווײַטער.

דעם זעלביקן חשבון מאַכט שמואל ווינטער. אָבער דאָס אַלץ, די שאַרפע זעלבסטקריטיק איז געקומען שפּעטער.

און דערווײַל, אין סאַמע פלאַקער פון דער פאַרטיליקונג־אַקציע, איז לעוואַרטאָווסקי געשטאַנען אַליין אויף דעם געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו, אַליין מיט נאָך איינצלנע אַנטיפאַשיסטישע טוערס, מיט חיים אַנקערמאַנען, יוסף קאַפּלאַנען און אַנדערע. די מערהייט בורזשואַזע עסקנים, וואָס זענען געשטאַנען מחוץ דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, זענען געווען צעטומלט און פּאַניש דערשראָקן, טויב אויפן רוף פון פּפּ"ר, וואָס האָט געוויזן דעם איינציקן אויסוועג.

מיט אַ ווייטיק אין האַרצן איז אַרויס לעוואַרטאָווסקי פון דער זיצונג, — גיט איבער אַן עד ראיה, וואָס האָט אים געזען אין די לעצטע טעג פון זײַן לעבן. ער האָט אָבער נישט רעזיגנירט פון ווײַטערדיקן קאַמף.

לײדער איז שוין נישט באַשערט געווען נישט לעוואַרטאָווסקין, און נישט אַ טייל אַנדערע בײַזײַענדיקע אויף דער זיצונג צו זען מיט די אייגענע אויגן די פּירות פון זייער קרבנותפולער אַרבעט. אין גיכן פאַלט יוסף לעוואַרטאָווסקי אויפן פּאָסטן; ער ווערט דערמאָרדעט דורך די נאַצישע בעסטיעס. אויך דער אַנטיפאַשיסט יוסף קאַפּלאַן, איינער פון לעוואַרטאָווסקיס גרעסטע אָנהענגערס אין דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, פאַלט אַרײַן אין די הענט פונעם שונא און קומט אום אין דער פּאַוויאַק־תּפיסה צוזאַמען מיט אַ צווייטן אַנטיפאַשיסט, שמואל ברעסלאַוו.

אין דער זעלביקער צײַט קומט אָן די ברידערלעכע הילף פון די פרײַנד פון דער „אַרישער" זײַט. נאָר איידער מיר וועלן איבערגעבן וועגן דעם, לאָמיר זיך אָפּשטעלן אַ ווײַל אויף דער באַציִונג פון דער פּוילישער אונטערערד צו דער טראַגעדיע און צום פעלקערמאָרד, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט הינטער די געטאָ־מויערן.

ווען מען בלעטערט אַדורך די פּרעסע־אָרגאַנען פון די רעכטע פּאַרטייען פון אונטערערדישן פּוילן פאַר די זומער־חדשים פון יאָר 1942, קאָן מען זיך נישט באַפרײַען פון דעם פּײַנלעכן אײַנדרוק, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פולשטענדיקער פאַרשווערונג פון פאַרשווײַגן דעם מאָרד איבער אַ פאָלק, וואָס איז פאָרגעקומען אין שכנות, אין סאַמע האַרץ פון וואַרשע. העכסטנס האָבן זיך עטלעכע פון די דעלעגאַטור־צײַטונגען דערלויבט אויף אַ קורצער, לאַקאָנישער, טרוקענער אינפאָרמאַציע. לויט די דאָזיקע צײַטונגען האָט עס אויסגעזען — האָט שפּעטער געשריבן די אויפגעבראַכטע פּרעסע פון פּפּ"ר — ווי הינטער די געטאָווענט וואָלט ליקווידירט גע־

ווארן עפעס אן אונטערנעמונג און נישט קיין לעבעדיקע מענטשן.

די פארשווערונג פון שווייַגן בייַ דער פוילישער רעאקציע אין לאנד איז געווען אין איינקלאנג מיט אן ענלעכער פארברעכערישער גלייַכגילטיק לגבי דעם מאסנמארד איבער די פוילישע יידן בייַ די אפיציעלע קרייַזן פון די מערבדיקע גרויסמאכטן. עס האט דעריבער געהאט א גרונד אן אומבאקאנטער פוילישער אונטערערדישער כראניקער אויסצורופן מיט גרוים פארביטערונג: „עס שווייַגט אינעם וואטיקאן גאטס פארטרעטער, עס שווייַגן אין לאנדאן, אין וואשינגטאן, די פארטיידיקערס פון דער גוטער זאך, עס שווייַגט די רעגירונג פון דער פוילישער רעפובליק... עס שרעקט דאס דאזיקע שווייַגן און מאכט שטוינען". און פונקט אזוי האט שמואל ווינטער געהאט א יסוד צו שרייַבן אין פעברואר 1943, זיצנדיק אין א בונקער אויפן אומבאקאנטן קבר פון דער אייגענער משפחה און פון אייגענעם פאלק, די ווייַטערדיקע צארנדיקע ווערטער: „ווען די „דעמאקראטיעס" 7) וואלטן באמת געוואלט פארהעלפן סטאלינען צום נצחון, וואלטן זיי דאס געקאנט טאן מיט א קלענערער אנשטרענגונג! היטלער וואלט געלעגן אויף די לאפאטקעס! ליידער ווילן די „דעמאקראטיעס" נישט דערלאזן סטאלינס נצחון! נישט בחינם זענען די „דעמאקראטיעס" גליקלעך, וואס היטלער האט אומגעבראכט די פוילישע יידן; נישט בלויז דערפאר, וואס זיי זענען פטור געווארן פון יידן — נאר ווייַל עס זענען אומגעבראכט געווארן רויטארמייער אין דער פאטענץ (בכוח)... שלאפט טשוירטשיל מיט דער ענגלישער בורזשואזיע רויקער! ימח שמם!"

די פוילישע ארבעטער־פארטיי און אלע פאטריאטיש־דעמאקראטישע עלעמענטן האבן פארשטאנען, אז וואס שנעלער עס וועט מקוים ווערן דער צוזאג פון אמעריקע און ענגלאנד וועגן עפענען דעם צווייטן פראנט אין אייראפע, אלץ גיכער וועט קומען א סוף צו די יסורים פון די יידן און פון אלע אונטערגעיאכטע פעלקער, אלן פאלס וואלט עס שטארק פארקלענערט די צאל קרבנות. עס איז נישט קיין צופאל, וואס טאקע דעם 15טן אויגוסט 1942, ווען אומשולדיק יידיש בלוט האט זיך געגאסן שטראמענווייַז אויף די געטאגאס, האט די צייַטשריפט פון פפ"ר „טריבונא כלאפסקא" (פויערים־טריבונע) אויפגעהויבן אזוי שארף די פראגע פון תיכף עפענען דעם צווייטן פראנט. אבער די אפיציעלע קרייַזן פון דער מערבדיקער וועלט זענען געבליבן טויב און שטום. און פונקט אזוי איז געבליבן טויב די אנפירונג פון זוו"ז (א"ק) אויף די אויפפאדערונגען און ווענדונגען פון יידישע פארבינדלערס אויף דער „ארישער" זייַט, וועלכע האבן פארלאנגט איין זאך: א ביסל געווער, כדי צו געבן א ווערדיקן ענטפער די פעלקער־מערדערס. די מאגאזינען פון זוו"ז (א"ק) זענען שוין דעמאלט פול געווען מיט געווער. נאך מער: עס איז הייַנט, אין ליכט פון וויכטיקע גביות־עדות פון געוועזענע אפיצירן און פארבינדלערס פון זוו"ז (א"ק) קלאר, אז די דאזיקע מיליטערישע פארמאציע פון דער סאנאציע־קליקע האט אפילו מאגאזינירט גרויסע צאלן געווער אין געטא גופא. אין דער זעלביקער צייַט, ווען די אנטיפאשיסטישע יוגנט אין געטא האט זיך געפייַניקט אינעם טראגישן באוווסטזייַן אז זי האט נישט מיט מיט וואס ארויסצוטרעטן קעגן די רוצחים; אין דער זעלביקער צייַט, ווען דער ווארשעווער קאמיטעט פון פפ"ר אויף דער „ארישער" זייַט האט איינעם פון זייַנע צוויי רעוואלווערן (מער האט ער דעמאלט נישט פארמאגט, ווייַל דאס גאנצע געווער איז אוועק אין די קעלצער און לובלינער וועלדער, ווו עס האט זיך אנגעהויבן די פארטיזאנישע באוועגונג) אוועקגעשענקט די יידישע געטא־קעמפערס — אין דער זעלביקער צייַט זענען געלעגן נוצלאז ריזיקע ארסענאלן סייַ אין ווארשע בכלל, סייַ אין געטא בפרט — די ארסענאלן פון זוו"ז (א"ק). קיין איין ביקס פון אט די ארסענאלן האט נישט אויסגעשאסן, קיין איין אפילו דעמאנסטראטיווער שאס איז פון זייער זייַט נישט געפאלן.

יא, איין גרופע פון די דעלעגאטור־קרייַזן האט גענומען א ווארט און פראטעסטירט קעגן דעם פארברעכערישן שטיל־שווייַגן. אבער אך און ווי וואס פאר א „פראטעסט" דאס איז געווען! די קאטוילישע ארגאניזאציע „פראנט אדראדזעניא פאלסקי" (פראנט פון פוילנס ווידערגעבורט) מיט א וואטיקאנישער אריענטאציע, איז ארוים מיט א בריוו, אין וועלכן די מחברים שרייַבן, אז זיי ווילן נישט זייַן קיין פילאטן, הגם... די יידן זענען אזעלכע און אזעלכע, אז זיי קאנען, נעבעך, זיך נישט אנטקעגנשטעלן די מארדן און זענען נישט בכוח אימעצן צו ראטעווען, נאר זייערע הערצער זענען פול מיט רחמנות, הגם... די זשידעס ווארפן בילבולים אויפן פוילישן פאלק, וכדומה. אין אמתער אינקוויזיטארישער, יעזויטישער צביעות האבן די דאזיקע וואטיקאן־ריטערס אייַנגעהילט זייער „פראטעסט" כדי צו בארויקן דעם אייגענעם פינצטערן געוויסן. פון געבן הילף האבן זיי זיך אפגעזאגט.

אין ליכט פון דעם אלעמען וואקסט אויס צו א הויכער מדרגה פון אמתער מענטשלעכקייט די שטעלונג פון פפ"ר, וועלכע איז געווען די איינציקע אין דער פוילישער געזעלשאפט, וואס האט נישט נאר געפונען שטארקע ווערטער פון פראטעסט און סאלידארישקייט, נאר אויך געבראכט ממשותדיקע הילף.

די פרעסע־ און ראדיא־ביולעטינען פון פפ"ר פון יענער צייַט זענען פול מיט באשרייַבונגען פון די געשעענישן אין געטא, פול מיט אליארם־רופן. די ארגאנען פון דער פוילישער ארבעטער־פארטיי רופן די יידן צו זעלבשוץ און די פאליאקן צו הילף. דאס לייענען מיר אין „טריבונא וואלנאשטשי", „גווארדזישסטא", „טריבונא כלאפסקא", „ראדיא־ביולעטין" א"א. די פפ"רישע פרעסע האט אנגעוויזן, אז די יידן וואס שטעלן א ווידערשטאנד דעם אקופאנט קעמפן אייַנצייַטיק פארן לעבן פון דער פוילישער באפעלקערונג. אין א טיף דורכדרינגלעכן ארטיקל אין „טריבונא וואלנאשטשי", פון אויגוסט 1942, ווערט דורכגעפירט אן אנאליז פון דער דערשייַנונג, וואס אין דער ערשטער צייַט פון דער ליקווידאציע איז אין געטא נישט געווען קיין מאסן־ווידערשטאנד. דער ארגאן פון פפ"ר שטעלט פעסט אז די פארברעכערישע אנטיסעמיטישע פאליטיק פון דער פוילישער רעאקציע האט געשאפן ארום די יידן אן איזאלאציע, געשטרעבט זיי צו פאראייַנזאמען. אין דער פפ"רישער פרעסע פילן מיר ארוים די זעלביקע שטעלונג, וועלכע עס האט פארנומען לעווארטאווסקי: „די זעלבשוץ מוז אננעמען א מאסן־כאראקטער. אין קאמף וועלן אומקומען יחידים, אבער עס וועלן זיך ראטעווען טויזנטער" („ראדיא־ביולעטין", ארגאן פון ווארשעווער קאמיטעט פון פפ"ר, נ"ר 34, 27־30 יולי 1942).

די לאגע אין געטא איז געשטאנען אין משך פון דער גאנצער צייַט אויף דעם טאג־סדר פון די זיצונגען פון צענטראל־קאמיטעט און פון ווארשעווער קאמיטעט פון דער פארטיי. אוודאי, ווען די פפ"ר וואלט אין יענער צייַט געווען א שטארקערע ווי זי איז געווען, וואלטן דעמאלט די געשעענישן טיילווייַז אנגענומען אן אנדער כאראקטער. אבער די פארטיי איז נישט לאנג געהאט אנטשטאנען, זי איז באלד פון אנהייב געווען ביטער און מיאוס באקעמפט דורך

---

7) די געגנדזנפיסלעך זענען ווינטערס. אונטער די „דעמאקראטיעס" מיינט ווינטער די פאראייניקטע שטאטן און גרויס־בריטאניע.

די דעלעגאטור־קרײַזן, וועלכע האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר מסירות צו דער געסטאַפּאָ; און קיין געווער האָט די פּפּ"ר נאָך נישט פאַרמאָגט, און פון דעסט וועגן האָט די פּאַרטיי — אחוץ די ארויסטריטן אין דער פּרעסע און דעם ארויסרוקן אַ קאָנקרעטע קאָמפּראָגראַם — דורכגעפירט אַ ריי וויכטיקע הילפאַקציעס.

אין סאַמע ברען פון דער ליקווידיר־אַקציע האָט דער שליח פון ווארשעווער קאָמיטעט פון פּפּ"ר, הענריק קאָטליצקי, ארײַנגעטראָגן אין געטאָ ארײַן אַ רעוואָלווער, באַהאַלטן אין ארבל. פון אָט דעם רעוואָלווער האָט דער קעמפער ישראל קאַנאַל 8) געשאָסן דעם 25טן אויגוסט אין דעם פאַררעטער, דעם שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי יוזעף שערינסקי. דער טויטאורטייל איבער דעם משומד שערינסקי און אַנדערע פאַררעטערס און קאָלאַבאָריסטן איז געווען אין הסכם מיט דעם באַשלוס פון די קעמפערס פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק צו שטעלן אונטער אַ באַשולדיקונג די דאָזיקע אויסוואורפן און יוצר־משרתים פונעם שונא. די ייִדישע קעמפערס האָבן פאַרשטאַנען אַז קודם־כל מוז מען אויסרייניקן די אַטמאָספער אין געטאָ און באַזײַטיקן די עקלדיקע „אייגענע" מוסרים און כאַפּערס, וועגן וועלכן עס שרײַבן אין אַזעלכע צאָרנדיקע ווערטער אַלע כראָניקערס פון דעם אונטערגייענדיקן ייִדישן קיבוץ אין ווארשע.

קאַנאַל האָט נישט אין גאַנצן געטראָפן. דער אָרעם פון דעם ערשטן ייִדישן שיסער אין געטאָ איז נאָך נישט געווען געניבט פעסט און זיכער. שערינסקי איז אָפּגעקומען מיט אַ שווערער ווונד. אָבער דער ערשטער שאָס אין הארץ פון אַ פאַררעטער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סיגנאַל צום אַקטיוון ווידערשטאַנד 9).

די קעמפערס ווערן דערמוטיקט. זיי טרעטן צו אונטערצוציינדן די מאַגאַזינען פון דעם שונאס אונטערנעמונגען אין געטאָ. ייִדן הייבן אָן זיך ראַנגלען. די כראָניקערס פאַרצייכענען פאַלן פון ארויסרײַסן ביקסן בײַ אוקראַיִנישע פאַשיסטן, פון מאַסן אַנטלויפן פון די געכאַפּטע רייען. די גאַסן וואָלינסקע, פּאַנסקע, טוואַרדע, נאַלעווקעס און אפילו דער אומשלאַג־פּלאַץ ווערן אַרענעס פון אַ סטיכישן און אינדיווידועלן ווידערשטאַנד. דער באַקאַנטער ראַפּאָרט פון 15טן נאָוועמבער 1942 רעדט וועגן 4.517 פאַלן פון דערשיסן ייִדן אויפן אָרט דורך די דײַטשן אין משך פון חודש אויגוסט, און וועגן 2.648 אַזעלכע פאַלן פון 6טן ביזן 12טן סעפּטעמבער. צווישן די דאָזיקע טויזנטער דערשאָסענע זענען געווים — אחוץ זקנים און קראַנקע — געווען אַ סך וואָס זענען אומגעקומען אין רעזולטאַט פון אַקטיוון ווידערשטאַנד.

דער צווייטער מין הילף פון פּפּ"ר איז געווען דאָס אָרגאַניזירן אַ מאַסן־אַוועקגיין צו די פּאַרטיזאַנער. אין אָט דער אַקציע האָט שוין דעמאָלט אויפגעגלאַנצט דאָס געשטאַלט פון דער יונגער ניוטע טייטלבוים, וועלכע איז געווען די נשמה פון די פאַרבינדונגען צווישן געטאָ און וואַלד.

8) קאַנאַל איז פריִער געווען אַ פּאָליציאַנט. ער האָט איבערגעריסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט און זיך אײַנגעשלאָסן אין די רייען פון די קעמפערס. היות ער איז פריִער געווען אַ פּאָליציאַנט און האָט געקענט די אַרײַנגענג צו שערינסקין, איז ער באַשטימט געוואָרן דורך די אַנטיפאַשיסטישע טוערס פאַרן אויספירער פונעם אַטענטאַט.

9) די ייִדישע קעמפערס האָבן וועגן אויספירן דעם טויטאורטייל איבער שערינסקין געמאָלדן אין אַן עפנטלעכער באַקאַנטמאַכונג און וואָרענונג (אַזוי גיט איבער אין זײַנע נאָטיצן אברהם לעווין).

און דער דריטער מין וויכטיקע הילף זענען געווען די אַליאַרם־ראַדיאָ־דעפּעשעס, וואָס זענען פון דער טיפער פּויליש־אַנטיפאַשיסטישער אונטערערד אין ווארשע אַוועק אויף מיזרח, צו דער פּאַרטיזאַנישער באַזע אין ווײַסרוסלאַנד און פון דאָרט קיין מאָסקווע. עס דערציילט וועגן דעם אויספירלעך אַ פּאַרדינסטפולער פּוילישער פּאַרטיזאַנישער קאָמיסאַר, וואָס האָט די אַליאַרם־קאָמוניקאַטן געזען. עס באַשטעטיקן די זאַך די ארכיוואַלע מאַטעריאַלן פונעם שטאַב פון דער סאָוועטישער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. און דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן דער טיפער אונטערשיד צווישן דעם רעאַגירן פון קאַפּיטאַליסטישן מערב און פונעם סאָציאַליסטישן מיזרח. ענטפערנדיק אויף די אַליאַרם־רופן פון ווארשע, האָט די סאָוועטישער אוויאַציע אויף די מיזרחדיקע קרײַזן פונעם דיסטריקט. איין אויגוסט 1942, גענומען אַטאַקירן די באַנליניעס וואָס האָבן פון ווארשע געפירט אויף מיזרח, צווישן אַנדערע — קיין טרעבלינקע. די דערמאָנטע חודשלעכע באַריכטן פון דעם ווארשעווער דיסטריקטאַמט פאַר אויגוסט און סעפּטעמבער 1942 ראַפּאָרטירן אַז 15 מאָל זענען געווען לופטפּלי־אַליאַרמען און אָנפליִען פון דער סאָוועטישער אוויאַציע אויף די מיזרחדיקע קרײַזן פונעם דיסטריקט. איין שטאַרקער אָנפלי האָט אַטאַקירט די געגנט ארום געטאָ, די טרויעריקבאַקאַנטע באַפעלשטעלע אויף אײַזנגאַס נומער 103, ווו עס איז געווען דער צענטער פון די ייִדן־פּײַניקונגען, און די ערטער אין שכנות פון אומשלאַג־פּלאַץ און פון די געטאָ־טויערן. ווי עס גיבן איבער עדי־ראיה, האָט דער אָנפלי ארויסגערופן אַ פּאַניק בײַ די פאַשיסטישע וועכטערס און אַ פרייד בײַ די ייִדן, וועלכע האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און גענומען לויפן. וועגן אָט דעם אָנפלי שרײַבט די טראַגיש אומגעקומענע מעמואַריסטין פון ווארשעווער געטאָ נעמי ווײַנקראַנץ־שאַץ 10), אַז ערשט איצט האָבן זיך די ייִדן איבערצײַגט, אַז מען האָט וועגן זיי נישט פאַרגעסן. און זי פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „אַ געבענטשטער אָנפלי!"

וועגן דעם מעכטיקן אײַנדרוק וואָס דער אָנפלי האָט געמאַכט בײַ דער פּוילישער באַפעלקערונג, שרײַבט דער אָרגאַן פון די „פּוילישע סאָציאַליסטן" „ראָבאָטניק":

אין דער נאַכט פון ערשטן אויפן צווייטן סעפּטעמבער האָבן זיך ווידער באַוויזן איבער ווארשע און בפרט איבערן געטאָ סאָוועטישע עראָפּלאַנען. ווי עס גיבן איבער דײַטשע קוועלן, זענען אין רעזולטאַט פון די סאָוועטישע רעטאָרסיע־באָמבאַרדירונגען אומגעקומען 239 דײַטשן און 511 זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן.

אָט אַזוי איז לפּחות אין אַזאַ מאָס באַצאָלט געוואָרן דעם באַרבאַרישן שונא פאַר דעם גרויליקן פעלקערמאָרד איבערן ייִדישן יישוב אין ווארשע.

אויף די געשעענישן פון סעפּטעמבער שליסן מיר אָפּ דעם ערשטן פּעריאָד פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ווארשעווער געטאָ, דעם פּעריאָד פון דער רומפולער טעטיקייט פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. דאָס הייסט אָבער נישט אַז נאָך סעפּטעמבער איז פאַקטיש דער בלאָק און זײַן גײַסט און טראַדיציע אָפּגעשטאָרבן. דאָס וואָס איז ווײַטער געשען, איז געווען אַ המשך פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק און אַ רעזולטאַט פון דער ארבעט פון זײַנע טוערס און אַקטיוויסטן. היות אָבער דער נאַציאָנאַלער קאָמפּספּראָנט אין געטאָ ווערט זינט אָקטאָבער 1942 שטאַרק אויסגעברייטערט און

10) זי איז נאָך דער באַפרײַונג דערהרגעט געוואָרן דורך אַ נס"ז־באַנדע. אירע מעמואַרן האָט אָפּגעראַטעוועט אַ סאָוועטישער אָפיציר.

עס קומט אויף אַ נײַע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרעם פון אָט דעם אויסגעברייטערטן פראָנט, וואָס טראָגט דעם נאָמען — ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וועלן מיר דעם ווײַטערדיקן צײַטאָפּשניט אָנרופן אויפן נאָמען פון דער לעצטער, הגם די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ קינד, אַ המשך און אַן אויסברייטערונג פון דעם ערשטן אָרגאַניזאַטאָר פון די געטאָקאַמפן — פון דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, וואָס איז געווען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער פאָלקסגוואַרדיע און איז אויפגעקומען און אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי.

.3

## די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע

נאָך דער ערשטער גרויסער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ איז אין דער ייִדישער אונטערערד געמאַכט געוואָרן אַ גרינטלעכער חשבון־הנפש. דער פאַרראַט פון „יודענראַט" איז געבליבן שטיין אָפן פאַר אַלעמען אָדם נאַקעט. די ווײַט גרעסטע מערהייט פון די לעצט געבליבענע 60—70 טויזנט געטאָ־אײַנוווינערס האָבן איצט געזען אַן אויסוועג פון דער לאַגע: אַקטיווער און פּאַסיווער ווידערשטאַנד.

די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן אויפן מזרח־פראָנט און אין לאַנד האָט באַקרעפטיקט די דאָזיקע איינציק ריכטיקע אָפּשאַצונג.

אויפן מזרח־פראָנט האָט דער היטלעריסטישער בליצקריג באַנקראָטירט מיטן קנאַק. אַ דאַנק די געניאַלע סטראַטעגישע פּלענער פון יאָסיף סטאַלין, די פּלענער וועלכע האָבן זיך באַזירט אויף דער סאָציאַליסטישער סטראַטעגישער וויסנשאַפט, איז דער היטלעריסטישער פּלאַנירטער בליצקריג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַנג דויערנדיקער מלחמה, אין וועלכער עס האָט זיך איבערגעדרייט דאָס מזל: בעת די כוחות און די רעזערוון פון היטלער־דײַטשלאַנד האָבן גענומען אויסגיין, איז געשטיגן די קראַפט פון דער סאָוועטישער אַרמיי, וואָס איז אַריבער אין ברייט פאַרמאָסטענע אָפענסיווען און גענומען אויסבלוטיקן דעם קעגנער, טרײַבן אים צוריק און צעגראָמירן זײַנע חיילות, אַנווענדנדיק מיט דערפאָלג די באַרימטע טאַקטיק פון אַרײַננעמען אין זאַק אַרײַן און פון א"ג „סערפּ און האַמער" 1).

עס האָט זיך אָנגערוקט די גראַנדיעזע עפּאָפּיי פון סטאַלינגראַד.

די געשעענישן אויפן מזרח־פראָנט האָבן צוגעגעבן פליגל דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און די אונטעריאָכטע לענדער פון אייראָפּע. אַ נײַע נשמה איז אַרײַן אין דער פראַנצויזישער, בעלגישער, איטאַליענישער, גריכישער א"אַ אונטערערדן. אַ שטאַרקער אויפשטײַג לאָזט זיך אויך באַמערקן בײַ די ווידערשטאַנד־עלעמענטן אין אָקופּירטן פּוילן.

דער טאָגבוך, וועלכן עס האָט געפירט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק און אין וועלכן עס ווערן אָפּגעמערקט די קאָנפערענצן מיט די גובערנאַטאָרן און פּאָליציי־שעפן פון די דיסטריקטן, ווערט

1) די טאַקטיק „סערפּ און האַמער" איז באַשטאַנען אין אַרומרינגלען דעם שונא ווי מיט אַ סערפּ און דערלאַנגען אים דעמאָלט אַ צעשמעטערנדיקן קלאַפּ ווי מיט אַ האַמער.

מרה־שחורההדיקער פון וואָך צו וואָך. די חודשלעכע באַריכטן פון וואַרשעווער דיסטריקטאַמט ווערן נאָך מער אומרויִק און באַזאָרגט.

די לינקע אונטערערדישע פּוילישע פּרעסע ווערט, פאַרקערט, האָפערדיקער. עס ווירקט שוין אַ פעסטע פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג פון דער פאָלקסגוואַרדיע אין לובלינער, קראָקעווער, קעלצער און וואַרשעווער געגנט. עס ווערן אָנגעצונדן פײַערן פון קאַמף אויך אין די געביטן פון א"ג וואַרטע־לאַנד. די פאָלקסגוואַרדייִשע פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג קאָאָרדינירט איר טעטיקייט מיט די רירעוודיקע אָטריאַדן פון די אַנטלאָפענע סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע צינדן אָן דעם פלאַם פון פּאַרטיזאַנישן קאַמף. עס קומען פאָר די ערשטע רעגולערע שלאַכטן. פּוילישע און סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער פאַרכאַפּן גאַנצע שטעטלעך, צעקלאַפּן שטאַרקע זשאַנדאַרמישע פּאָסטנס און וואַרפן אָן אַ פּאַנישע מורא אויף די אומגעבעטענע נאַציִשע בעלי־הבתים. עס לויפן אין וואַלד אַרײַן ייִדן פון די שטעטלעך אין לובלינער און וואַרשעווער געגנט, עס רײַסן זיך אַרויס ייִדישע קריגס־געפאַנגענע, געוועזענע זעלנערס פון דער פּוילישער אַרמיי, פון לובלינער לאַגער און שאַפן ייִדישע פּאַרטיזאַנישע מחנות, אָרגאַנישע טיילן פון דער פאָלקסגוואַרדיע. די פּפּ"רישע פּרעסע מערקט אָפּ די ערשטע שלאַכט־נצחונות. עס קומט אויף אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין קראָקאָווער געטאָ. אין טרעבלינקער טויטלאַגער שטעלן זיך אויף די ערשטע מוטיקע ייִדן צום אומגלײַכן קאַמף.

אין צענטער פון דער שטײַגנדיקער באַוועגונג שטייט וואַרשע.

נאָך אַ ריי קלענערע אַקטן פירט אַדורך די וואַרשעווער פאָלקסגוואַרדיע אין דער נאַכט פון 7טן אויפן 8טן אָקטאָבער אַ ריזיקן דיווערסיע־אַקט איבער די באַנליניעס הינטער וואַרשע. עס ווערט אויף אַ לענגערער צײַט פאַרשטאָפּט די טראַסע וואָס פירט צוגן מיט מיליטער, אַמוניציע און שפּײַז צום מזרח־פראָנט.

דער שונא ענטפערט מיט תליות, אויף וועלכע עס ווערן אויפגעהאָנגען 50 פּפּ"ר־מיטגלידער, צווישן זיי אַ ריי אַלטע אַקטיוויסטן פון סדקפּ"ל און קפּ"פּ.

אויף אָט דעם טעראָראַקט ענטפערט די פאָלקסגוואַרדיע מיט באָמבעס, וועלכע רײַסן אויף עטלעכע לאָקאַלן וווּ עס קומט זיך צונויף די היטלעריסטישע עליטע פון וואַרשע.

דער אָקופּאַנט מיינט אַז עס וועט אים געלינגען אָפּצושרעקן די ווידערשטענדלערס מיט אַ ריזיקער קאָנטריבוציע פון אַ מיליאָן זלאָטעס אויף דער ציווילער פּוילישער באַפעלקערונג.

די שרעקלאָזע פאָלקסגוואַרדייערס גיבן אויף דעם זייער אַן אָריגינעלן ענטפער. זיי קאָנפיסקירן מיט כוח און בליץ שנעל דעם 30טן נאָוועמבער אין דער קאָמונאַלער באַנקקאַסע טאַקע אַ מיליאָן זלאָטעס. 2)

דער אײַנדרוק פון די דאָזיקע אַקציעס איז געווען אַ געוואַלדיקער — סײַ בײַ דער פּוילישער באַפעלקערונג, סײַ אין געטאָ (עס ברענגט דעם רושם צום אויסדרוק דער כראָניקער אברהם לעווין).

אין אָט דער אַלגעמיינער אַטמאָספער פון שטײַגנדיקער אַקטיווער ווידערשטאַנד־באַוועגונג שטייט אויף צום לעבן די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

2) אין דער דאָזיקער בראַוורער אַקציע נעמט צוו"אַ אָנטייל אויך די ייִדישע קעמפערין ניוטע טייטלבוים („וואַנדע").

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז נישט געווען קיין לחלוטין נײַע דערשײַנונג אין געטאָ. ווי עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן אינעם פריערדיקן קאַפּיטל, איז זי געווען אַ המשך און אַן אויסברייטערונג פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. די לעבן געבליבענע אַקטיוויסטן פונעם בלאָק, נאָך דער גרויסער שחיטה און פאַרוויסטונג פון דער צײַט 22טער יולי—3טער אָקטאָבער, האָבן זיך קאָמוניקירט און אָנגעהאַלטן אַ קעגנזײַטיקע פאַרבינדונג אין די טעג פון אומקום און מיט געמיינזאַמען אָנשטרענג דערפירט צום שאַפן פון ישראל קאַנאַל און צו די אַנדערע ווידערשטאַנד־אַקטן. זיי האָבן עס געשאַפן אין דער צווייטער העלפט אָקטאָבער די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. מען מוז דעריבער אָפּוואַרפן די טענדענץ פון געוויסע מחברים און עדות, וועלכע ווילן איבעררײַסן די קייט וואָס ציט זיך פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק ביז דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע (און פון דאַנען צום אויפשטאַנד).

די דאָזיקע קינסטלעכע קאָנצעפּציע, וואָס איז אויפגעקומען אין די נאָכמלחמה־יאָרן, איז אין אַבסאָלוטער סתירה צו די פאַקטן. כמעט אַלע עדות גיבן איבער ווי אַזוי, אין סאַמע ברען פון דער פאַרטיליקונגס־אַקציע, זענען צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן די איבערגעריסענע קאָנטאַקטן, ווי מען האָט פון אומשלאַג־פּלאַץ אַרויסגעשלעפּט מענטשן און תיכף בײַ נאַכט מאָנטירט די אויסגעבלוטיקטע קעמערלעך. אין דער דאָזיקער נסיונותפולער צײַט האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער איבערמענטשלעכער אַרבעט און אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיִקייטן די פּפּ״ר־מיטגלידער אפרים (עדוואַרד) פאָנדאַמינסקי, מיכאל ראָזענפעלד, איגנאַץ פײַל, רוזשקע ראָזענפעלד, שׂרה שאַגעל, בנימין לייבגאָט און אַ סך אַנדערע אַקטיוויסטן. דאָס אָרט פון אומגעקומענעם לעוואַרטאָווסקי פאַרנעמט פאָנדאַמינסקי, וועלכער ווערט אויסגעקליבן פאַרן סעקרעטאַר פון געטאָ־קאָמיטעט פון פּפּ״ר. אויף שמיטס פּלאַץ שטעלט זיך מיכאל ראָזענפעלד. דער געדאַנק פון פאַראייניקן אַלע ווידערשטאַנד־גרייטע כוחות באַקומט אַלץ מער בלוט און פלייש. אין די רייען פון „בונד" און „צוקונפט" קומט אַ טיפער קער אין דער ריכטונג פון דערנענטערן זיך צו דער טעטיקייטס־פּראָגראַם פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. די אָנפירונג גייט איבער אין די הענט פון די איינהייטספראָנטיקע און ווידערשטאַנד־עלעמענטן. אַן ענלעכע אַנטוויקלונג מאַכט אויך אַדורך די לינקציוניסטישע יוגנט. אַזוי אַרום קומט אין דעם צווייטן טייל אָקטאָבער צו שטאַנד די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע — די אויסגעברייטערטע פאָרעם פון אַנטיפאַשיסטישן נאַציאָנאַלן קאָמפּספראָנט. עס איז שווער גענוי אָנצוגעבן די דאַטע פון דער פאָרמעלער אַנטשטייונג פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. לויט געוויסע עדי־ראיה דאַרף מען אָננעמען די דאַטע פון 20טן אָקטאָבער. כמעט אַלע עדות באַמערקן אָבער אַז שוין אין סעפּטעמבער האָט מען מאָנטירט און געבויט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז נישט געווען קיין סתם מעכאַנישע פאַראייניקונג. זי האָט זיך פּאַקטיש געשטעלט אויף דער אידעאָלאָגישער פּלאַטפאָרמע פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. זי איז געווען אַן אַנטיפאַשיסטישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. זי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אָרגאַנישן טייל פון דעם אַנטיפאַשיסטישן, פּאַטריאָטישן לאַגער פון אונטערערדישן פּוילן. דעם אַנטיפאַשיסטישן כאַראַקטער פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע קאָן צווישן אַנדערעם אילוסטרירן איר באַציִונג צו די ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישע באַוואָפנטע גרופּעס, וואָס הייבן אָן זינט אָקטאָבער 1942 צו אַנטשטיין אין געטאָ. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען זענען די דאָזיקע גרופּעס נישט צוגעלאָזן געוואָרן אין דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, ווײַל עס זענען געווען ערנסטע חשדים וועגן זייערע קאָנטאַקטן מיט עקסטרעם רעכטע אָפן אַנטיסעמיטישע און צעיר־שעט־אַנטיסאָוועטישע פּוילישע אָרגאַניזאַציעס. 3) די ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישע פּרעסע אין געטאָ האָט באַרעכטיקט און געפּריידיקט — אין יענער צײַט פון היטלעריסטישע גירושים — די לאָזונגען פון יציאת אייראָפּע אָנשטאָט קאַמף אויפן אָרט.

בנוגע דער פּאָזיציע פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין באַצוג צו דער אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן איז גענוג כאַראַקטעריסטיש דער אויפרוף פון „זשאָב" פון דער צײַט פון אויפשטאַנד. דער דאָזיקער אויפרוף, וואָס איז געווענדט צו די פּוילישע מאַסן, פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: „דער קאַמף גייט וועגן אײַער און אונדזער פרײַהייט, וועגן אײַער און אונדזער מענטשלעכער, סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער ווערדע און כבוד... זאָל לעבן די וואָפן־ און בלוט־ברודערשאַפט פון קעמפנדיקן פּוילן. זאָל לעבן די פרײַהייט!" אין אָט די קורצע, פלאַמיקע ווערטער קומט צום אויסדרוק די אידעיִשע פּלאַטפאָרמע פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. לאָמיר דאָ ציִען די אויפמערקזאַמקייט אויף די ווערטער „אײַער און אונדזער מענטשלעכער, סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער ווערדע און כבוד". ווי מיר זעען, האָט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פאַרשטאַנען די האַרמאָנישע פאַרבינדונג צווישן דעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן באַפרײַונגס־קאַמף. און לאָמיר זיך דערבײַ נאָך אַ מאָל דערמאָנען, אַז אויף אַזאַ אופן האָט פאָרמולירט איר פּראָגראַם בלויז איין פּאַרטיי פון אונטערערדישן פּוילן — די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי.

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ טייל פון דער פאָלקסגוואַרדיע. וועגן דעם זאָגט עדות דער וויכטיקער פאַקט, וואָס דער שטאַב פון „זשאָב" האָט זײַן אויפשטאַנדפּלאַן קאָאָרדינירט מיט דער אָנפירונג פון דער פאָלקסגוואַרדיע. דער דאָזיקער פאַקט ווערט באַשטעטיקט פון ביידע זײַטן, סײַ מצד יידישע עדות, סײַ מצד פּוילישע; און די פּוילישע פירערס פון דער פאָלקסגוואַרדיע און איר פּרעסע האָבן בפירוש באַצייכנט די געטאָ־קעמפערס מיטן נאָמען פאָלקסגוואַרדיסטן. אויך אין אָט דעם פּרט ווערט קלאָר דער כאַראַקטער פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז אַזוי אַרום געווען אַ ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע פון די יידן אין געטאָ, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו קעמפן אויף טויט און לעבן קעגן פאַרהאַסטן היטלעריסטישן אָקופּאַנט פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק, פאַר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרײַונג, פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן, פאַר דער פרײַהייט פון דער מענטשהייט.

דאָס אַלץ קומט צום אויסדרוק אין דעם פאַקטישן אָרגאַן פון דער פאַראייניקטער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע — אין די „וויאַדאָמאָשטשי" פונעם לעצטן ערב־אויפשטאַנד־פּעריאָד. די „וויאַדאָמאָשטשי" זענען אַרויס אין פּויליש. עס זענען מסתמא געווען נאָך צײַטשריפטן פון „זשאָב". שפּורן פון אַזעלכע צײַטשריפטן אין יידיש זענען געפונען געוואָרן אין צווייטן טייל פונעם רינגעלבלום־אַרכיוו. די „וויאַדאָמאָשטשי" דערקעגן זענען געפונען געוואָר אין אָט דעם פריש אויסגעגראָבענעם אַרכיוו אין אַ גרעסערער צאָל. אין די דאָזיקע „וויאַדאָמאָשטשי" קומט צום אויסדרוק די אָריענטאַציע פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויפן ראַטן־פאַרבאַנד, די אינערלעכע פאַרבינדונג אירע מיט דער אַנטיפאַ־

3) עס געפינט זיך אין „יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט" אַ גבית עדות פון אַן אָנגעזעענעם רעכטן אי״ק־טוער, צו וועלכן די פאָרשטייער פון די רעוויזיאָניסטישע גרופּעס האָבן זיך אין יענער צײַט געמאָלדן און זיך פאַררופן אויף די ידידי־באַציִונגען זשאַבאָטינסקי־בעק.

שיסטישער פּאַטריאָטישער פּוילישער אונטערערד, דער באַוווסטזיַין פונעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרײַונג און די פעסטע אַנטשלאָסנקייט צו גיין אויפן איינציקן וועג, אויפן וועג פון אַקטיוון ווידערשטאַנד.

דאָס אַלץ הייסט בשום אופן נישט אַז אין די ראַמען פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע זענען פאַרטושט געוואָרן די אידעאָלאָגישע ווידערראַנאַנדן צווישן די באַזונדערע גרופּעס. די פּפּ״ר־אָרגאַניזאַציע האָט די גאַנצע צײַט געפירט אַ זעלבשטענדיקע פּאַרטייִשע טעטיקייט. אַזוי, למשל, ווערט דערציילט אין די זכרונות פון איינעם פון די לעבן געבליבענע עדי־ראיה אַז שוין בעתן אויפשטאַנד גופא זענען אין דעם בונקער פון שטאַב פון „זשאָב״ אויף מילע 18 געפירט געוואָרן הייסע דיסקוסיעס וועגן ייִדיש־העברעיִש. אַלעקסאַנדער, דער פּפּ״ר־פאָרשטייער, האָט פאַרטיידיקט ייִדיש. מע׳ האָט אין אַנדערע פאַלן אַרומגערעדט די פאָרמען פון קומענדיקן באַפרײַטן פּוילן, די ייִדישע פּראָבלעם, די באַציִונג צום דײַטשן פאָלק נאָכן זיג. און אַזוי גיט איבער אַ צווייטער עדות אַז די לינקע זענען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט אַז מען דאַרף מאַכן אַן אונטערשיד צווישן די היטלעריסטישע און מיט היטלעריזם אָנגעשטעקטע עלעמענטן, ווי גרויס זיי זאָלן נישט זײַן, און דעם פּשוטן דײַטשן מענטש.

אָבער די אַלע זאַכן, וואָס האָבן צעטיילט, האָבן נישט פאַרשטעלט דעם הויפּטציל: די איינִיקייט אין קאַמף, דאָס געבאָט פון דער שעה, ד״ה — דעם ציל, דעם ווידערשטאַנד, דאָס וואָס האָט געקאָנט און געדאַרפט פאַראייניקן. אין די ראַמען פון דער אָנפירונג פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפילט — שטעלט פעסט אַן עד־ראיה — אַ שטאַרקערע דערנענטערונג צווישן דעם קאָמוניסט ראָזענפעלד, דעם לינקן שומר אַניעלעוויטש און די לינקע סאָציאַליסטן בלום און בערלינסקי. די אָקערשט אויסגערעכנטע, און בעיקר ראָזענפעלד, זענען געווען מער דעצידירט, מער שאַרף, און דאָס — דער עדות — האָט זיך געלאָזט באַמערקן.

די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט זיך געווידמעט נישט בלויז דער פראַגע פון אַרײַנציִען און דערציִען נײַע קאַמפּקאַדרען, נישט בלויז דעם שווערן ענין פון באַוואָפענונג, פון קאָנטאַקט וכדומה, נאָר זיך אויך פאַרנומען מיט איבערציִען די געטאָ־מאַסע מיט אויסשפּרייטן שונד איבער פאַרוואָרלאָזטע, פאַריתומטע קינדער און מיט קולטור־פּראָבלעמען. אַזוי האָט למשל די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע באַקעמפט די קאָנצעפּציע פון קונסט ווי אַ פאַרווײַלונגס־מיטל. אין די באַדינגונגען פון געטאָ, נאָך דעם געוואַלדיקן בלוט־אָפּפלוס פון זומער־האַרבסט 1942, איז קונסט ווי אַ פאַרווײַלונג געוואָרן שוין נישט בלויז פאַרפירעריש און שעדלעך, נאָר אַפילו פאַרברעכעריש און פאַררעטעריש. אויך דער קולטור־טוער שמואל ווינטער ברענגט די קעגנערשאַפט צו קונסט ווי אַ פאַרווײַלונגס־מיטל זייער בולט צום אויסדרוק אין זײַנע טאָגנאָטיצן. די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז אַזוי אַרום דערשינען ווי אַ דינאַמישער נאַציאָנאַלער כוח, וואָס זאָרגט פאַר דער נשמה פונעם פאָלק, פאַר דער ריינקייט און געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון זײַן קולטור און קונסט.

אין שפּיץ פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע זענען געשטאַנען צוויי קערפּערשאַפטן: אַ פּאָליטישע און אַ מיליטערישע. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָאָרדיניר־קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט די פּאָליטישע איינִיקייט־פּראָגעס. די פּפּ״ר איז דאָ געווען פאַרטראָטן דורך איר אַקטיוון חבר אפרים פאָנדאַמינסקי. די פינאַנצן האָט געפירט יוחנן מאָרגנשטערן. די אָנפירנדיקע מיליטערישע קערפּערשאַפט איז געווען דער שטאַב פון „זשאָב״, אין וועלכן די פּפּ״ר איז געווען רעפּרעזענטירט דורך מיכאַל ראָזענפעלד. פאַרן קאָמענדאַנט פונעם שטאַב איז אויסגעוויילט געוואָרן מרדכי אַניעלעוויטש, נאָכן אַרעסט פון שמידטן, איינער פון די קאָמאַנדירן וואָס איז דערצויגן געוואָרן אינעם פּעריאָד פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק.

די אַנטשטייונג און די טעטיקייט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט רעוואָלוציאָניזירט די אַטמאָספער אין געטאָ.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערדיקע צוגרייטונג פון שלאַכט־קאַדרען. טאָג און נאַכט האָט מען געשולט די יוגנט צום קאַמף. אין דער טיפער געטאָ־אונטערערד האָט מען פּראָדוצירט פּרימיטיווע געווער און מאַגאַזינירט אַרײַנגעשמוגלטע וואָפנטיילן.

אויף יענער זײַט מויער האָט דער „זשאָב״ געהאַט איבערגעגעבענע פרײַנד — די פּפּ״ר, די פאָלקסגוואַרדיע, אַ ריי לינקע סאָציאַליסטן און דעמאָקראַטן (די לעצטע זענען געווען אָרגאַניזירט אינעם „ראַט צו העלפן ייִדן״, אָדער, ווי ער האָט זיך מחמת קאָנספּיראַציע אָנגערופן, „זשעגאָטאַ״). נאָכן ערשטן רעוואָלווער, וועלכן דער ווארשעווער קאָמיטעט פון פּפּ״ר האָט אַרײַנגעשיקט אין געטאָ אין טראַגישן חודש אויגוסט, האָט די פּפּ״ר אין גיכן איבערגעגעבן אַ גרעסערן טראַנספּאָרט גראַנאַטן, און פון דעמאָלט אָן איז די דאָזיקע אַקציע קאָנטינויִרט געוואָרן דורך פאַרשידענע וועגן. די נעמען פון די טרײַע געווער־פאַרזאָרגערס, פון די פּוילישע פּאַטריאָטן, די קאָוואַלסקיס, בוטשינסקיס, סאַוויצקיס, פון דעם דײַטשן אַנטיפאַשיסט וואַלטער, וועלכע האָבן אין יענעם פּעריאָד מיט מסירת נפש פאַרזאָרגט די ייִדישע קעמפערס מיט געווער, וועלן אייביק דערמאָנט ווערן מיט דאַנקבאַרקייט דורך די וואָס האַלטן הויך און טײַער דעם אָנדענק פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. פּונקט אַזוי דאַרף מען דערמאָנען מיט אַ באַזונדערער אָנערקענונג די פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן זיך מיט דעם דאָזיקן ענין ספּעציעל פאַרנומען, די וואָס האָבן פּראָדוצירט אין געטאָ גופא די פּרימיטיווע גראַנאַטן און אָנצינד־פלעשער, וועגן וועלכע עס רעדט מיט אַזאַ האַס דער עס־עס־גענעראַל סטראָאָפּ, — די אומפאַרגעסלעכע ייִדישע קעמפערס משה יאַגאָדזשינסקי, מיכאַל קלעפּפיש, יצחק סוקעניק און אַ סך אַנדערע.

אָבער דאָס אַלץ איז געווען קנאַפּ, טראַגיש ווייניק. און דעריבער האָבן די פירערס פון דער באַוועגונג נישט געקאָנט זיך אָפּזאָגן פון סאַמע פּרימיטיווסטן געווער — פון העק, האַקמעסערס, שטאַנגען וכדומה. אין די „זשאָב״־דאָקומענטן פון יענער צײַט רעדט זיך טאַקע קודם כל וועגן דעם מין געווער. טראַגיש, אָבער אַזוי איז עס געווען. וואָרעם די וואָס האָבן פאַרמאָגט די רײַכסטע אַרסענאַלן, די זוו״ז (אַ״ק), האָבן אויך אין אָקטאָבער, ווען געוויסע ייִדישע פאַרבינדלערס האָבן געגומען דורך צופעליקע קאָנטאַקטן פאַרלאַנגען הילף אין דער פאָרעם פון כלי־זיין, קאַלט און אַנטשלאָסן אָפּגעזאָגט.

און נישט געקוקט אויף דעם, נישט געקוקט אויף דער געוואַלדיק אָרעמער באַוואָפענונג, האָט די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אָנגענומען אַ געוואַגטן באַשלוס: אַרויסטרעטן און די ערשטע אַטאַקירן די באַוואָפנטע כוחות פונעם אָקופּאַנט.

לאָמיר דאָ גלײַכשטעלן נאָך איין טעות, וואָס האָט זיך גאַנץ ברייט אײַנגעבירגערט. דער ערשטער אָפענער און באַוואָפנטער אַרויסטריט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, דער קאַמף פון יאַנואַר 1943, איז נישט געווען פאַרטראַכט דורך דעם שטאַב

פון „זשאַב" ווי אַ זעלבשוץ. ווי עס דרינגט אַרויס פון נײַע דאָקומענטן, וועגן וועלכע עס וועט באַלד זײַן אַ רייד, האָט זיך די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע געגרייט די ערשטע אַרויסצוטרעטן, נאָר דער שונא האָט, אַזוי צו זאָגן, אויסגעכאַפּט די איניציאַטיוו.

לאָמיר עס אַרומרעדן גענויער.

די קאַמף־געשעענישן אין וואַרשעווער געטאָ אין יאַנואַר 1943 זענען אַרויסגעשווּמען אויף דער אַלגעמיינער, שטאַרק שלאָגנדיקער כוואַליע פון אַקטיוון ווידערשטאַנד, וואָס האָט אַ פעסטן שטײַג געטאָן טאַקע אין יאַנואַר 1943 אין לאַנד בכלל און אין וואַרשע בפרט.

דער דאָזיקער אויפגעשטיגענער אַקטיווער ווידערשטאַנד האָט געהאַט צוויי מאָטאָרן: פון איין זײַט האָבן סטימולירט צום קאַמף די ידיעות פון מזרח־פראָנט; פון דער צווייטער — דער אומגעהײַער פאַרשטאַרקטער טעראָר פונעם אָקופּאַנט ובפרט די געשעענישן אין זאַמאָשטשער געגנט, ווו די דײַטשן האָבן אָנגעהויבן אויסצוזידלען די אָרטיקע פּוילישע פּויערישע באַפעלקערונג, אָנווענדנדיק ענלעכע מעטאָדן ווי בעת די גירושים פון די געטאָס; איינצײַטיק זענען די פּוילישע וווינראַיאָנען אין וואַרשע אַרומגענומען געוואָרן דורך אומאויפהערלעכע גאַסן־כאַפּערײַען און מאַסן־אַרעסטן.

די פּפּ"ר און די פאָלקסגוואַרדיע רופן די זאַמאָשטשער פּויערים צו ווידערשטאַנד און זעלבשוץ. געוויסע טיילן פון די אַ"ג פּויערישע באַטאַליאָנען רײַסן זיך אַרויס פון אונטער דער דיסציפּלין פון זוו"ז (אַ"ק) און טרעטן אַרויס אין שוץ פון די באַדראָטע הונדערטער טויזנטער פּשוטע מענטשן. זיי ווילן נישט הערן דעם אײַנשטילנדיקן אַפּעל פון דעם רעכטן לידער פון דער פּויערים־פּאַרטיי סטאַניסלאַוו מיקאָלײַטשיק, וועלכער פּאָדערט אויף דורך דעם לאָנדאָנער ראַדיאָ די פּויערים־מאַסן אין לאַנד נישט צו רעאַגירן אויפן טעראָר פון אָקופּאַנט, „זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן".

די דעלעגאַטור וואַרפט אָפּ די ווענדונג פון דער אָנפירונג פון פּפּ"ר צוצוטרעטן צום נאַציאָנאַלן קאַמפּספראָנט קעגן בלוטיקן אָקופּאַנט. די דעלעגאַטור ענטפערט מיט זלזולים און מסירות; אירע טראַנסמיסיעס צו דער גראַנאַטאָווער פּאָליציי און צו דער געסטאַפּאָ, די פאַרשידענע „סטאַרטן" גיבן אויס די פּאַטריאָטישע עלעמענטן און העלפן אַזוי אַרום דעם אָקופּאַנט.

די סאַנאַטאָרישע פּרעסע שלאָגט אין אַ טאָן פון וואָרענונג: „וועער עס זייט ווינט, דער שנײַדט שטורעם" (פּראַוודאַ", אָרגאַן פון די סאַנאַציע־עלעמענטן, אַפּריל 1943).

און די ענדעקישע פּרעסע פאַרלאַנגט איבערצורײַסן מיט די אויפשטאַנד־טראַדיציעס פון פּוילישן פאָלק: „דער חודש יאַנואַר פון 1943 וועט בשום אופן נישט דערמאָנען דעם יאַנואַר פון 1863" („וואַרשאַווסקי דזשענניק נאַראָדאָווי" פון 9טן יאַנואַר 1943).

די פּפּ"ר נעמט אויף זיך די גאַנצע לאַסט פון אָרגאַניזירן די ווידערשטאַנד־באַוועגונג. דער פירער פון דער פּאַרטיי באָלעסלאַוו ביערוט שטעלט זיך אין שפּיץ פון דער סאַמע וויכטיקסטער און ברענענדיקסטער אַרבעט — צו בויען דעם נאַציאָנאַלן פראָנט אין קאַמף מיטן היטלעריסטישן אָקופּאַנט. דער חודש יאַנואַר 1943 איז אַרײַן אין דער געשיכטע פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אין פּוילן נישט בלויז ווי אַ צײַט פון צעהוליעטן טעראָר, נאָר אויך ווי אַ חודש פון אויפגעשטיגענעם אַקטיוון ווידערשטאַנד. פון אַלע עקן לאַנד קומען אָן דערמוטיקנדיקע גרוסן — אין וואַרשעווער געגנט, אין לובלינער געגנט, אין גאַרוואָלינער, לוקאָווער, ביאַלע־פּאָדלאַסקער, נאָווי־טאַרגער, פּויזנער, קעלצער געגנט ברעכן אויס קלענערע און גרעסערע קאַמפן.

ווי תמיד, האָט זיך אויך איצט אין דער פּאָדערשטער ריי אַרויסגערוקט וואַרשע מיט דעם העלדישן וואַרינסקי־אָפּטייל פון דער פאָלקסגוואַרדיע בראש. די ראַפּאָרטן פון דעם וואַרשעווער דיסטריקטאַמט צו דער אָקופּאַנטישער „רעגירונג" אין קראָקע זענען שוין אַצינד נישט סתם באַאומרויִקט; זיי שטעלן מיט זיך פאָר איין לאַנגן אויסגעשריי פון דער פאַרוווּנדעטער פאַשיסטישער חיה, וועלכע באַקומט וואָס אַ מאָל אַלץ מער ביטערע קלעפּ: „די סאַבאָטאַזש־אַקטן און די טעטיקייט פון די אַקטיוויסטישע גרופּעס פון דער פּוילישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָבן זיך באַדײַטנדיק פאַרשטאַרקט, בפרט מערן זיך אָנפאַלן אויף דײַטשן: דערשאָסן אַן אָפיציר פון לופט־וואַפע, דערשטאָכן אַ זעלנער אין מאָקאָטאָוו; דערהרגעט אַן אינסטרוקטאָר פון דער מלוכה־באַן אין זײַן אייגענער דירה ;דערהרגעט אַן איבערזעצער פון דער זיכערקייט־דינסט; דערשאָסן דעם מיטגליד פון דעם הויפּטאַמט פאַר פּראָפּאַגאַנדע — בריק; אַן אָנפאַל אויף צוויי באַאַמטע פון וואַרשעווער דיסטריקט — צימערמאַן און ווענדעל; דערשאָסן דרײַ דײַטשע זעלנערס. דאָס אַלץ דערווײַזט אַז די טעראָראַקטן שטײַגן..." און ווײַטער לייענען מיר אינעם ראַפּאָרט: „דער אָנפאַל אויף דער קאַסע פון דער קראַנקן־קאַסע; דאָס אַרײַנוואַרפן אויפרײַס־מאַטעריאַלן אויפן אַרבעטאַמט אין וואַרשע; דאָס אַרײַנשטעלן טײַוול־מאַשינען אויפן הויפּטוואָקזאַל און אין אַלע דײַטשע קינאָזאַלן..." און דאָס אַלץ איז געשען אין וואַרשע אין משך פון אַ קנאַפּן חודש, אין משך פון די ערשטע דרײַ וואָכן פון יאַנואַר. דער מחבר פון דעם ראַפּאָרט, פישערס רעכטע האַנט, ד"ר הומעל, מאַכט די ווײַטערדיקע אויספירן: „עס איז שוין צו פיל קלאָר אַז דאָס איז אַן אַרבעט פון די יעניקע פּוילישע אַקטיוויסטן, וועלכע ווערן הויפּטזאַכלעך אונטערגעשטיצט דורכן ראָטן־פאַרבאַנד... צוליב די געשעענישן אין זאַמאָשטשער געגנט רעדט אײַן די אונטערערדישע באַוועגונג דער באַפעלקערונג אַז מיט די פּאָליאַקן וועט געשען דאָס זעלבע וואָס מיט די ייִדן". די אָקופּאַנטישע מאַכטאָרגאַנען אין וואַרשע זענען געוואָרן אַזוי דערשראָקן פון די ווידערשטאַנד־אַקטן, אַז ד"ר הומעל פאַרענדיקט דעם ראַפּאָרט אָט מיט דער ביטע: „מיר בעטן דעריבער אָפּצושטעלן די ווײַטערדיקע אויסזידלונגען (פון זאַמאָשטשער געגנט — ב. מ.) ביזן זיגערישן פאַרענדיקן די מלחמה. אויך די כאַפּערײַען אין וואַרשע דאַרף מען פריִער אַרומרעדן מיט די מלוכישע מאַכטאַמטן; די זיכערקייט־סיטואַציע (פאַר די דײַטשן — ב. מ.) איז אויסערגעוויינלעך געשפּאַנט, אַזוי אַז די ווײַטערדיקע פּאָליטישע אַנטוויקלונג מוז ווערן אָבסערווירט מיט דער גרעסטער זאָרגעוודיקייט".

די מוטיקע שטעלונג פון די פּאַטריאָטן האָט, ווי מיר זעען, טיילווײַז פאַרהאַמעוועט די צעבושעוועטע טעראָר־כוואַליע פונעם אָקופּאַנט.

צו די מוטיקסטע ווידערשטאַנד־אַקטן פון דער פאָלקסגוואַרדיע אין וואַרשע דאַרף מען פאַררעכענען די אַקציע וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 17טן יאַנואַר 6 אַ זייגער פאַר נאַכט, ווען איינצײַטיק, ווי אויף אַ באַפעל, האָבן אין אַ ריי קינאָזאַלן „נור פיר דויטשע" און אין דעם אָפיצירן־רעסטאָראַן אויפן הויפּטוואָקזאַל אויפגעריסן גראַנאַטן און צענדליקער היטלעריסטן האָבן באַצאָלט מיט זייער נבזהדיקן לעבן. דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, דעם 17טן יאַנואַר. אויף צו מאָרגנס, דעם 18טן, האָט זיך אַ שיסערײַ־געקנאַל

דערהערט פון געטאָ. עס האָט גענומען אַ וואָרט די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

אָבער איידער מיר וועלן איבערגיין צום ערשטן באַוואָפנטן אַרויסטריט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, מוזן מיר זיך אויף אַ רגע אומקערן צו די ערשטע טעג פון יאַנואַר. אָפּשאַצנדיק שוין תחילת 1943 די געפאַר פון אַ פאַרגרעסערטער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פּוילן, האָט הימלער דעם 11טן יאַנואַר פונאַנדערגעשיקט אַן אינסטרוקציע צו פאַרשאַרפן דעם קאַמף מיטן „באַנדיטיזם", אויסצוראָטן קודם כּל די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן פון פּוילישן פאָלק. דעמאָלט איז אויך געפאַלן דער ענדגילטיקער באַשלוס פון דעם „רײַכספירער פון עס־עס" צו ליקווידירן דאָס וואַרשעווער געטאָ ביזן סוף, ווי אַ געביט פון כּסדרדיקער ווידערשטאַנד־יווירונג. די ענדגילטיקע פאַרניכטונג פון וואַרשעווער געטאָ איז, ווי מיר זעען, געווען אַ רעזולטאַט פון צוויי זאַכן: פון דער אַלגעמיינער פּאָליטיק צו עוקר מן השורש זײַן די ייִדן און פון דער געפאַר פון דעם וואַקסנדיקן ווידערשטאַנד. נישט געקוקט אויף די באַמיִונגען פון דער מיליטערישער אינטענדאַנטור איבערצולאָזן דערווײַל אַ טייל ייִדישע פאַכמענער, האָט די דײַטשע זיכערקייט־מאַכט פון דעסט וועגן געשטעלט העכער די סכּנה וואָס שטעקט אין דער עקסיסטענץ פון געטאָ פאַר דער געפאַרלאָזיקייט פון דעם אָקופּאַנט. און כּדי צוצואײַלן דעם ליקווידיר־פּראָצעס, האָט זיך הימלער אַליין מטריח געווען אַרײַנצופאָרן אין וואַרשעווער געטאָ דעם 9טן יאַנואַר. נאָך דעם וויזיט איז געפאַלן דער ענדגילטיקער טויטאורטייל.

אָבער יאַנואַר 1943 איז שוין נישט געווען דאָס זעלביקע וואָס יוּלי 1942. עס האָט זיך געענדערט די סיטואַציע אויפן מיזרח־פראָנט, עס האָט באַקומען אַן אַנדער אויסזען די פּוילישע אונטערערד און אַן ענדערונג איז אויך ממילא געקומען אין געטאָ. „די ייִדישע באַפעלקערונג וועקט זיך אויף פון לעטאַרג" — אַזוי האָט כאַראַקטעריזירט די געענדערטע שטימונגען אין וואַרשעווער געטאָ דער אָרגאַן פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון פּפּ"ר „גלאָס וואַרשאַווי" (וואַרשעס שטים) אינעם נומער פון 1טן יאַנואַר 1943. די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, זײַענדיק גאַנץ גענוי אינפאָרמירט וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אין די פּוילישע ראַיאָנען פון דער שטאָט און פאַרשטייענדיק דעם ציל פון הימלערס אומהיימלעכן באַזוך, האָט באַשלאָסן נישט צו וואַרטן ביז דער שונא וועט אַטאַקירן, נאָר אַליין אַרויסצוגיין אין אָנגריף. די ערשטע אַרויסטרעטונג איז געוואָרן באַשטימט אויפן 22טן יאַנואַר — אינעם אָנדענקטאָג נאָך אַ האַלב יאָר זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ (22טער יולי). אין שייכות דערמיט האָט די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אַרויסגעלאָזט בײַ צײַטנס אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „דעם 22טן יאַנואַר 1943 ווערט זעקס חדשים זינט דעם אָנהייב פון דער אויסזידלונג אין וואַרשע." דער דאָזיקער אויפרוף איז געפונען געוואָרן אינעם צווייטן טייל פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו. דער אויפרוף (ער איז געשריבן אין ייִדיש) דעמאַסקירט די טאַקטיק פונעם אָקופּאַנט און די פאַררעטערישע ראָלע פון דער ייִדישער פּאָליציי און פון אַנדערע קאָלאַבאָראַציאָניסטישע עלעמענטן. אינעם אויפרוף זאָגט זיך בפירוש: „ייִדישע פאָלקסמאַסן, די שעה דערנענטערט זיך. איר מוזט זײַן גרייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד!" דעם אויסדרוק „די שעה דערנענטערט זיך" קאָן מען אויסטײַטשן אין אַ צווייִיקן זין: עס רוקט זיך אָן די שעה פון דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע, און — עס קומט אָן דער מאָמענט פון באַוואָפנטן אַרויסטריט. מען דאַרף עס, לויט אונדזער מיינונג, פאַרשטיין אין בײדע זינען. איינס בינדט זיך מיטן צווייטן.



אַלן פאַלס איז קלאָר אַז דער דאָזיקער אויפרוף איז געשריבן (און געוויס אויך פונאַנדערגעטיילט אָדער פונאַנדערגעקלעפּט געוואָרן) פאַר די געשעענישן פון 19טן יאַנואַר, ד"ה פאַרן נײַעם איבערפאַל פון די עס־עס־לײַט אויפן געטאָ. צו דעם זעלביקן פּעריאָד פון פאַרן 18טן יאַנואַר דאַרף מען פאַררעכענען אַ צווייטן אויפרוף פון די ייִדישע קעמפּערס — געשריבן אין פּויליש — וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „גרייט זיך צו מעשים! זײַט וואַך! מיר שטייען אויף צום קאַמף!" מיר ווייסן נישט אויף זיכער צי די זעלביקע האַנט האָט געשריבן ביידע אויפרופן. פאַרקערט, די אונטערשיִדן אינעם סטיל פון די צוויי דאָקומענטן רוקן אַרויס די השערה אַז די מחברים שטאַמען פון צוויי באַזונדערע קרײַזן. דער ערשטער אויפרוף צייכנט זיך אויס מיט זײַן קאָנקרעטקייט, זײַנע אויטאָרן האָבן געוויס געהערט צום פּראָלעטאַרישן קערן פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. דער צווייטער דאָקומענט איז געשריבן אין אַן אַנדער סטיל, אין אַ מער פײַערלעכן און פּאַטעטישן. אָבער, ווי עס איז שוין אָנגעמערקט געוואָרן, איז די ייִדישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג באַשטאַנען פון פאַרשידענע עלעמענטן, און די מחברים האָבן נישט געמוזט זײַן תּמיד די זעלביקע. ווי עס זאָל נישט זײַן, דאַרף מען פעסטשטעלן אַז ביידע דאָקומענטן געהערן צום פּעריאָד פון פאַרן 18טן יאַנואַר, אַז ביידע אויפרופן וועקן צום אַקטיוון קאַמף און אַז אַזוי אַרום האָבן זיך די געטאָ־קעמפּערס געגרייט צו אַן אַנטשלאָסענעם אַרויסטריט.

אָבער דער שונא האָט פאַרכאַפּט די איניציאַטיוו. דער באַפעל פון הימלערן איז געווען אַ דרינגענדיקער, און עס איז אויך נישט אויסגעלאָשן אַז די שטורמישע געשעענישן אויף די „אַרישע" גאַסן פון 17טן יאַנואַר האָבן אַ שטויס געטאָן דעם עס־עס־ און פּאָליציי־פירער פון וואַרשעווער דיסטריקט ד"ר פערדינאַנד זאַמערן־פראַנקענעג צוצואײַלן די אַקציע קעגן בראָוזנדיקן געטאָ און אַרויסטרעטן באַלד אויף צו מאָרגנס, דעם 18טן יאַנואַר, כּדי נישט צולאָזן צו גלײַכצײַטיקע קאַמפּאַקטן אויף ביידע זײַטן — מחוץ און אינעווייניק פון די געטאָ־מויערן.

אָבער הימלערס און זאַמערנס פּלענער לגבי דעם געטאָ האָבן זיך אָנגעטראָפן אויפן האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד פון די ייִדישע קעמפּערס, שוין גאָרנישט מעשה יולי 1942.

דער שונא האָט אַרײַנגעפירט אין געטאָ, ווי עס דרינגט אַרויס פון דער פּוילישער אונטערערדישער פּרעסע, 1000 מאַן באַוואָפנטע ביז איבער די ציין: 200 דײַטשע זשאַנדאַרן און עס־עס־לײַט און 800 פון די פאַשיסטישע פאָרמאַציעס פון פאַררעטערס מכּל המינים, און חוץ דעם — פאַרשטאַרקונגען פון דער פּוילישער פּאָליציי. מיט דער אַקציע האָט אָנגעפירט זאַמערן אַליין, עס האָט אים אַסיסטירט אַ „חשובער גאַסט", דער שעף פון טרעבלינקער טויטלאַגער עס־עס־הויפּטשטורמפירער טעאָדאָר פאָן אויפען־מאַלמעדי, אַן אַריסטאָקראַט, אַ היטלעריסטישער „שריפטשטעלער" און אַ תּלין אין איין פּערזאָן; ער איז וואַרשײַנלעך געקומען אָפּנעמען די „סחורה" קיין טרעבלינקע.

קעגן די אַרײַנדרינגענדיקע באַוואָפנטע כּוחות פונעם שונא האָט די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע געקאָנט אַרויסשטעלן אירע 50 גרופּעס — אַזוי פיל האָט דער „זשאָב" דעמאָלט פאַרמאָגט, ווי עס שטעלט פעסט אַ גוט אינפאָרמירטער עד־ראיה. מיר שטרײַכן אונטער: געקאָנט. אָבער צום באַדויערן האָט דער שטאַב פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע זיך — ווײַזט אויס, — געגרייט

אויפן 22טן, און אין דעם מאָמענט ווען דער שונא האָט פּלוצעם אַטאַקירט, זענען די ייִדישע ווידערשטאַנד־כוחות נישט געווען קאָשאַרירט און דעריבער זענען זיי נישט אַלע געוואָרן אַרײַנגעפירט אין אַ גענוגנדיקן אופן אין קאַמף.

און פון דעסט וועגן איז דער ווידערשטאַנד געווען אַ גענוג העפטיקער, און דער שונא האָט זיך אויף אַזאַ אַנטשלאָסנקייט, אַפּנים, נישט גערעכנט.

דער שטאַב פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט אויף שנעל אַרויסגעלאָזט אַ פלוגבלאַט (געפונען געוואָרן אינעם צווייטן טייל פון רינגעלבלום־אַרכיוו): „נעמט אין האַנט אַרײַן אַ האַק, אַ שטאַנג, אַ מעסער, פאַרבאַריקאַדירט אײַער הויז... קעמפט!" — אָט איז דער לייטמאָטיוו פון דעם דאָזיקן קורצן, בחפּזונדיקן אויפרוף.

די געטאָ־מאַסע האָט שוין איצט נישט געהערט דעם שונא, דעם יודענראַט און די שאָפּ־דירעקטאָרן; די געטאָ־מאַסע האָט איצט געהערט נאָר דעם „זשאָב". דער איבערוועגנדיקסטער טייל האָט זיך פאַרשטעקט אין באַהעלטענישן און לעבער. פרײַוויליק האָבן זיך געשטעלט נאָר יחידים. דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד האָט אַרומגענומען כמעט אַלעמען.

דעם סיגנאַל צום אַקטיוון ווידערשטאַנד האָבן געגעבן די אַרבעטער פון דער סטאָליער־פירמע „אָסט־דויטשע באַושטעללע" אויף גענשע־גאַס. דעם ערשטן גראַנאַט האָט דאָ געוואָרפן די יונגע קעמפערין מרגלית לאַנדאַו.

די צווייטע שלאַכט האָט זיך פאַרקניפּט אויף זאַמענהאָף־גאַס. מיט דער קעמפנדיקער גרופּע האָט דאָ אָנגעפירט מרדכי אַניעלעוויטש, וועלכער האָט פּערזענלעך געוויזן אַ בײַשפּיל פון מוטיקייט, שלײַדערנדיק אין די עס־עס־לײַט צוויי גראַנאַטן און אַרויסרײַסנדיק בײַ אַ דריטן די ביקס. לײַדער זענען די כוחות נישט געווען קיין גלײַכע. די באַוואָפענונג פון די ייִדן איז דאָ געווען אַן אָרעמע. זי איז באַשטאַנען פון 5 רעוואָלווערן, 5 גראַנאַטן, אויפרײַספלעשער, שטאַנגען און שטעקנס. אין אומגלײַכן פאַרמעסט איז געפאַלן די בלום פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. און דאָך איז אויף די דײַטשן אָנגעפאַלן אַ פּחד. זייערע געשרייען „די ייִדן שיסן!" האָבן אָנגעפילט די אייגענע רייען מיט פּאַניק. אַ סך געכאַפּטע ייִדן האָבן עס אויסגענוצט און זענען זיך צעלאָפן.

די דריטע שלאַכט איז פאָרגעקומען אויף ראָג מילע און ניסקע, ווו די ייִדישע קעמפערס האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין אַ הויז. ווען די היטלער־לײַט, אויסנוצנדיק זייער איבערגעוויכט אין מענטשן און אין געווער, האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין דעם הויז, האָבן די ייִדן באַגאָסן די טרעפּ מיט נאַפט און אונטערגעצונדן. די ייִדישע קאַמפּסגרופּע האָט זיך דאָ פאַרטיידיקט ביז דער לעצטער קויל. מיט אַ העלדנטויט איז געפאַלן איינער פון די מוטיקסטע קעמפערס, אליהו רוזשאַנסקי.

ווײַטערדיקע שלאַכטן האָבן אויפגעפלאַקערט אין אַ ריי קעלערן און בונקערס אויף די גאַסן זאַמענהאָף, מילע, מוראַנאָווסקע, פראַנציסקאַנער. די קעמפערס, וועלכער זענען אויך דאָ געווען זייער שוואַך באַוואָפנט, האָבן מיט דערפאָלג אָנגעווענדט די א"ג פּאַרטיזאַנישע טאַקטיק. זי איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: מען לאָזט אַרײַן די פאַשיסטישע כאַפּערס, איין גרופּע קעמפערס בלײַבט פון הינטן, און מען נעמט דעם שונא אין צוויי פײַערן. אויף דעם געביט האָט זיך אויסגעצייכנט איינער פון די „זשאָב"־קאָמאַנדירן, זכריה אָרטשטיין. נאָכן ליקווידירן דעם שונא האָבן זיך די פּאַרטיזאַנערס — לאָמיר זיי אַזוי אָנרופן — צוריקגעצויגן דורך בוידעמס און לעכער און פאַרנומען פרישע פּאָזיציעס.

צו ערנסטע באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן איז געקומען אויך אויפן געביט פון די שאָפּן, אויף לעשנע, נאָוואָליפּיע און סמאָטשע, ווו עס זענען אַרויסגעטראָטן צוויי קאַמפּסגרופּעס אונטער דער אָנפירונג פון די קאָמוניסטן בנימין לייבגאָט (מיכאַל טשאַרני) און בראָנעק יאַוואָרסקי און דעם אַנטיפאַשיסט ישראַל קאַנאַל (מיעטעק, יהודה). די ייִדישע קעמפערס האָבן דאָ בסך־הכל פאַרמאָגט צוויי פּיסטאָלעטן און איין גראַנאַט. נישט געקוקט אויף דעם וואָס דער געשלײַדערטער גראַנאַט האָט נישט אויפגעריסן, איז אָבער דער ווידערשטאַנד געווען אַזאַ ווירקזאַמער, אַז דער שונא האָט זיך געמוזט צוריקציִען, ווי עס שטעלט קאַטעגאָריש פעסט איינער פון די געטאָ־כראָניקערס, יחיאל גורני [4].

אין די קאַמפּן אויפן געביט פון די שאָפּן זענען צווישן אַנדערע געפאַלן דער סעקרעטאַר פון דער פּפּ"ר־גרופּע אויף דעם געביט, לייבגאָט, און דער בונדישער לערער אברהם פײַנער.

צו ווידערשטאַנד־אַקטן איז אויך געקומען אויפן סאַמע אומשלאַג־פּלאַץ. אַ גרופּע פון 60 ייִדן האָט, דערוועקט דורך דעם „זשאָב"־מיטגליד ברוך פּעלץ, זיך אָפּגעזאָגט אַרײַנצוגיין אין די וואַגאָנען און זיך פאַרטיידיקט. זיי זענען אַלע דערשאָסן געוואָרן.

דאָס אומגעריכטע אָנטרעפן זיך אויף אַזאַ ווידערשטאַנד האָט צעטומלט די כאַפּערס. שוין אויפן צווייטן טאָג האָבן די האַקנקרייצהעלדן מורא געהאַט אַרײַנצוגיין אין די קעלערס — אַזוי פאַרנאָטירט בײַ זיך דער געטאָ־כראָניקער שמואל ווינטער.

די אַקציע האָט געדויערט פון 18טן ביזן 21טן יאַנואַר. דעם שונא איז געלונגען אַרויסצושלעפּן נישט מער ווי 6.500 ייִדן. אונטערן דרוק פון אַקטיוון און פּאַסיוון ווידערשטאַנד האָט זאַמערן געמוזט אַרויסציִען זײַנע כוחות פון געטאָ. די אַקציע איז געוואָרן איבערגעריסן אין סאַמע מיטן. זאַמערן האָט מורא געהאַט צו פאַרציִען די זאַך, ווײַל עס האָט זיך געקאָנט אָפּרופן די פּוילישע גאַס. דער אײַנדרוק פון די אַרויסטריטן פון די ייִדישע קעמפערס איז געווען אין וואַרשע בכלל אַזוי גרויס, אַז מען האָט זיך דערציילט פון מויל צו מויל אַזש געוואַלדיקע גוזמאות — וועגן טאַנקען־קאַמפן, וועגן טויזנטער דײַטשע הרוגים אד"גל. די אונטערערדישע פּוילישע פּרעסע איז פול געווען מיט באַשרײַבונגען וועגן די שלאַכטפעלדן פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. דאָס אַלץ האָט עדות געזאָגט וועגן דער גרויסער יווירונג צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג אין דער ריכטונג פון אַקטיוון ווידערשטאַנד. די פאָלקסגוואַרדיע האָט טאַקע גוט פאַרשטאַנען די לאַגע און תיכף, דעם 20טן יאַנואַר, לאָזט דער קאָמאַנדיר פון די וואַרשעווער פאָלקסגוואַרדייִשע אָפּטיילונגען אַרויס אַ באַפעל פון קאַמף־מאָביליזאַציע. די פּרעסע פון דער פאָלקסגוואַרדיע רוקט אַרויס דעם קאַמף אין געטאָ ווי אַ מוסטער, וועלכן מען דאַרף נאָכטאָן.

דאָס אַלץ — און קודם כל דער ייִדישער ווידערשטאַנד — האָט געצוווּנגען זאַמערנען איבערצורײַסן די אַקציע.

---

4) געוויסע מחברים און עדות ווילן מינימיזירן דעם ווידערשטאַנד אויף לעשנע, נאָוואָליפּיע און סמאָטשע. אָבער די אויטענטישע דאָקומענטן (גורניס כראָניק, די פּפּ"רישע פּרעסע א"אַ) און די דערקלערונגען פון אַזעלכע עדות, ווי יאַוואָרסקי, דאָרקע גאָלדקאָרן, פעלטעל־מענדזשיצקי, עדעלמאַן, א"אַ באַשטעטיקן די דורך אונדז געבראַכטע פאַקטן.

דער דאָזיקער פּאַרזיכטיקער שריט פון דעם עס־עס־ און פּאָליציי־פירער איז אָבער נישט געווען אין שטאַנד אַרײַנצופירן אַן אַנטשפּאַנונג בײַ די ווידערשטאַנד־לעכצנדיקע עלעמענטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. יעדע מינוט האָט געקאָנט קומען צו אַן אויסבראָך.

איז דאָ דעם אָקופּאַנט ווידער געקומען צו הילף די דעלעגאַטור און די אָנפירונג פון זוו"ז (א"ק). אין אָנבליק פון די געשעענישן אין געטאָ ווײַזט די דעלעגאַטור אַרויס אַ „סטאָיִשע רויִקייט". „דער פאָרשטייער פון דער רעגירונגס־דעלעגאַטור — לייענען מיר אין דעם באַריכט פון „זשעגאָטאַ" פון 29טן יאַנואַר 1943 — שטעלט פאָר די סיטואַציע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַקציע אין געטאָ. ער שטעלט פאָר אַז אַ באַוואָפנטע אַקציע איז אוממעגלעך צוליב דעם פאַרבאָט וואָס עס האָט געגעבן לאָנדאָן." די אָנפירונג פון זוו"ז (א"ק) פאַרשטאַרקט דווקא איצט, סוף יאַנואַר, איר אַגיטאַציע קעגן אַקטיווע אַרויסטריטן. דעם גאַנצן פײַער לאָזט זי קעגן דעם ראַטן־פאַרבאַנד, קעגן דער סאָוועטישער אַרמיי, וועלכע טרעט אויס מיט גרויסע קרבנות דעם וועג פאַרן זיג און פאַר דער באַפרײַונג. אין אירע אינסטרוקציעס פאַרוואָרט די אָנפירונג פון זוו"ז (א"ק) אירע זעלנערס צו מאַכן אַטענטאַטן אויף דעם אָקופּאַנטישן מיליטער. אַזוי אַרום קאָן זיך זאַמערן שלאָפן שוין אַ ביסל רויִקער. ער האָט געוווּסט, אַז עס איז פאַראַן אין לאַנד אַ פאַקטאָר וואָס טאָרמאָזירט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

אָבער דער אײַנדרוק פון דעם יאַנואַר־אַרויסטריט פון די געטאָ־קעמפערס איז געווען, נישט געקוקט אויף דער „סטאָיִשע רויִקייט" פון די אויף לאָנדאָן־פאַרקוקטע ספערעס, אַ געוואַלדיקער. און אין דער ערשטער ריי האָבן די דאָזיקע קאַמף־געשעענישן געשטאַרקט דעם מוט פון די ייִדן גופא. אַ דויערהאַפטיקער שפּור פון די קאַמפן איז געבליבן אין דער געטאָ־ליטעראַטור, בײַ יצחק קאַצענעלסאָנען, וולאַדיסלאַוו שלענגעלן, אין די כראָניקעס. די לעצטע געטאָ־אסורים האָבן זיך געקאָנט איבערצײַגן אַז דער שונא איז נישט אַלמעכטיק, אַז ער מוז אַנטלויפן ווען עס ווערט אים געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, אַז ער קאָן באַקומען מורא. דער קאַמפּסגרוס פון וואַרשעווער געטאָ פון יאַנואַר־חודש איז דערגאַנגען צו די ייִדן מחוץ וואַרשע. ייִדן פון די אַרומיקע שטעטלעך, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין וועלדער און דערפער, טרעטן אַרײַן אין די פּאַרטיזאַנישע מחנות פון דער פאָלקסגוואַרדיע, ווי למשל אין דעמבלינער ראַיאָן. דער גרוס פון וואַרשע איז דערגאַנגען אַזש קיין ביאַליסטאָק, וווּ דער בײַשפּיל פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט באַגײַסטערט די דאָרטיקע ייִדן צו אַן ענלעכן ווידערשטאַנד בעת דער ערשטער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ אין אַ קנאַפּן חודש אַרום, אָנהייב פעברואַר 1943 (אין אונטערערדישן אַרכיוו פון ביאַליסטאָקער געטאָ איז געפונען געוואָרן מאַטעריאַל וועגן די יאַנואַר־געשעענישן אין וואַרשעווער געטאָ).

דער צײַטאָפּשניט פון יאַנואַר 1943 ביזן אויסבראָך פונעם אויפשטאַנד, דעם 19טן אַפּריל, איז געווען דער ענדגילטיקער צוגרייט־עטאַפּ צום לעצטן גרויסן קאַמף און דער אַנטשיידנדיקער פּעריאָד אין דער גענעזע פונעם אויפשטאַנד, בעיקר בנוגע דער דעציזיע פון ענדגילטיקן קאַמף.

דער דאָזיקער צײַטאָפּשניט הייבט זיך אָן נאָך דעם ערשטן באַוואָפנטן אַרויסטריט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און דערגייט ביז האַלב אַפּריל, ד"ה ביז ערב דעם אויפשטאַנד. אין דעם דאָזיקן צײַטאָפּשניט איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע באַשטאַנען אין פאַרהיילן די וווּנדן וואָס זי האָט באַקומען בעתן יאַנואַר־ווידערשטאַנד (18־20טן יאַנואַר 1943), אין דורכפירן אַ זעלבסטקריטיק פון די באַגאַנגענע פעלערן און אין צוריקאויפשטעלן אירע קאַדרען — וואָרעם דער בלוטאָפּפלוס פון „זשאָב" בעתן יאַנואַר־אויפשטאַנד איז געווען זייער אַ גרויסער, ער איז דערגאַנגען אין געוויסע גרופּעס ביזן פאַרלירן פיר פינפטל פון זייער באַשטאַנד. די רייען, וועלכע זענען אין יאַנואַר אַזוי בלוטיק שיטער געוואָרן, ווערן אין משך פון דעם צײַטאָפּשניט ביזן אויפשטאַנד אויסגעפילט מיט נײַע קאַדרען. וואָס שייך די באַגאַנגענע אין יאַנואַר פעלערן, רוקן זיך אַרויס אויפן ערשטן אָרט צוויי: דער מאַנגל אין קאַסאַרירונג פון די קעמפערס און דאָס פעלן פון אַ געהעריקער וואַכזאַמקייט. דער יאַנואַר־אָנגריף פונעם שונא האָט געטראָפן די געטאָ־קעמפערס אומגעריכט. חוץ דעם זענען די קעמפערס אין גרעסטן טייל נישט געווען קאַסאַרירט, נישט געוווינט צוזאַמען. די דאָזיקע צוויי פעלערן ווערן שנעל באַזײַטיקט. עס ווערט אײַנגעפירט אין אַלע ענגע גרופּעס פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע געמיינזאַמע צוזאַמענוווינונגען, געמיינזאַמע באַשפּײַזונג און קאָנסומציע און אַ מיליטערישע דיסציפּלין. עס ווערט אויך באַזײַטיקט דער פעלער בנוגע וואַכזאַמקייט. שוין דער פאַקט אַליין פון קאַסאַרירן די קאַמפּסגרופּעס איז אַ שריט צו וואַכזאַמקייט. אָבער דער שטאַב פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז געגאַנגען נאָך ווײַטער: עס איז באַשטימט געוואָרן אַז טאָג און נאַכט וועלן אויסשפּירערס וואַכן בײַ די טויערן און אַנדערע גרענעצפּונקטן פון געטאָ.

אַ דאַנק דעם העלדישן יאַנואַר־אַרויסטריט איז די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע געוואָרן זייער פּאָפּולער בײַ דער געטאָ־באַפעלקערונג. דער נאָמען „ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע", אָדער אויף פּויליש „זשידאָווסקאַ אָרגאַניזאַציאַ באָיאָוואַ" (אין אַ קיצור: „זשאָב"), ווערט אַלץ מער באַקאַנט. אָבער נאָך מער פּאָפּולער איז בײַ דער געטאָ־מאַסע דער נאָמען „פּאַרטיאַ" (פּאַרטיי). די געטאָ־מאַסע טיילט נישט פונאַנדער צווישן „זשאָב" און צווישן „גוואַרדיאַ לודאָוואַ" (פאָלקסגוואַרדיע); די דרײַ באַגריפן — „זשאָב", פּאַרטיי און „גוואַרדיאַ לודאָוואַ" ווערן בײַ איר איינס, איין באַגריף. די פירערס פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האַלטן דעם „זשאָב" — ווי עס שטעלן פעסט גוט אינפאָרמירטע עדי־ראיה — פאַר אַ באַשטאַנדטייל פון דער אַלגעמיין פּוילישער „גוואַרדיאַ לודאָוואַ".

דעם שטאַרקסטן שטויס די געטאָ־קעמפערס צו זייער דעציזיע וועגן ענדגילטיקן קאַמף האָבן געגעבן די אויפמונטערנדיקע ידיעות וועגן דעם גרויסן נצחון פון דער רויטער אַרמיי אויפן סטאַלינגראַדער פראָנט. דעם צווייטן פעברואַר 1943 איז פאַרענדיקט געוואָרן די זיגערישע סטאַלינגראַדער אָפּעראַציע, די זעקסטע דײַטשע אַרמיי פון גענעראַל פּאַולוס, וועלכער איז ערב דער קאַפּיטולאַציע נאָמינירט געוואָרן דורך היטלערן פאַר אַ פעלדמאַרשאַל, איז געוואָרן פולשטענדיק אַרומגערינגלט און צעקלאַפּט און האָט זיך סוף כל סוף געמוזט אונטערגעבן. די גאַנצע וועלט, און בפרט די אונטערגעיאָכטע פעלקער, האָבן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם נאָכגעפאָלגט די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן בײַ דער וואָלגע, האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ גענויען דין וחשבון פון דעם היסטאָרישן באַטײַט פון דער שלאַכט. עס איז אַבסאָלוט פאַרשטענדלעך אַז דער אײַנדרוק פון דעם זיגערישן אויסגאַנג פון דער סטאַלינגראַדער שלאַכט איז אין געטאָ געווען אין־לשער. צום בעסטן דריקט אויס די געפילן פון געטאָ אַן עד ראיה, וועלכער איז אין יאַנואַר 1943 געווען באַשעפטיקט אויף אַ „פּלאַצוווקע" מחוץ דעם געטאָ, אויפן מיזרח־וואָקזאַל, בײַם אויסלאָדענען וואַגאָנען וואָס פלעגן אָנקומען פון מיזרח־פראָנט. די דאָזיקע וואַגאָנען פלעגן ס'רוב ברענגען פאַרווונדעטע

דײַטשע זעלנערס, צום מערסטנס מיט אָפּגעפרווירענע הענט און פיס. ווען מיר האָבן זיי אַרויסגעטראָגן פון וואַגאָן, האָבן מיר צום ערשטן מאָל געאַרבעט פאַרן שונא גוט, מיט ברען; מיר האָבן דערפילט דעם ווינט פון סטאַלינגראַד".

עס איז דעריבער נישט קיין צופאַל, וואָס טאַקע אין פעברואַר, אין דעם חודש ווען די ידיעות וועגן דעם טריומף פון דער רויטער אַרמיי בײַ סטאַלינגראַד, וועגן „דער שקיעה פון דער דײַטשער פאַשיסטישער אַרמיי" (סטאַלין), זענען פונאַנדערגעטראָגן געוואָרן אין אַלע ווינקעלעך פון די אָקופּירטע לענדער און אויך אין געטאָ, וואָס דעמאָלט, אין אַזאַ אַטמאָספער, איז געפאַלן אין וואַרשעווער געטאָ די דעציזיע וועגן דעם קומעדיקן אויפשטאַנד, וועלכער איז מקוים געוואָרן אין צוויי חדשים אַרום. אין פעברואַר האָט שרה זשאָגעל, אַ פאַרשטייערין פונעם קאָמיטעט פון פפ"ר אין געטאָ, רעפערירט אויף אַ זיצונג פון די אַקטיוויסטן פון דער פפ"רישער קאַמפסגרופּע אויפן בערשטער־געביט די שטעלונג פון דער פאַרטיי וועגן דער לאַגע און — וואָס טאָן? זי האָט שוין דעמאָלט אַוועקגעשטעלט די פראַגע פון אויפשטאַנד. דער אינהאַלט פון שרה זשאָגעלס אַרויסטריט אויף אָט דער זיצונג שטעלט זיך פאָר — ווי עס גיט איבער אַן עד־ראיה — לפי ערך אַזוי: מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין־וחשבון פון דעם, אַז דער אויפשטאַנד קאָן זיך נישט פאַרענדיקן מיט אונדזערן אַ ממשותדיקן זיג; אָבער דער באַשלוס וועגן אויפשטאַנד איז שוין געפאַלן; די צילן פונעם אויפשטאַנד זענען: 1) נישט דערלאָזן מער צו אַזאַ לאַגע וואָס האָט געהאַט אַן אָרט אין יולי 1942; 2) דערלאַנגען דעם שונא קלעפּ לויט אונדזערע מעגלעכקייטן; 3) אײַנשליסן זיך אין דעם אַלגעמיינעם קאַמפספראָנט קעגן היטלעריסטישן אָקופּאַנט; 4) ווי ווײַט עס וועט זײַן מעגלעך, אַרויסרײַסן זיך נאָכן אויפשטאַנד פון געטאָ אין וואַלד אַרײַן, צו די פאַרטיזאַנערס.

אינעם זעלביקן חודש פעברואַר פאַרשטאַרקט זיך די קאַמפס־אויסשולונג פון די „זשאָב"־קאַדרען. עס פאַרשטאַרקט זיך אײַנצײַטיק די אידעאָלאָגישע אויסשולונג. די קעמפערס באַקענען זיך מיט דער אינסטרוקציע פון דער אָנפירונג, אַז געווער דאַרף מען דעראָבערן בײַם שונא און אַז עס דאַרף פאַרשטאַרקט ווערן די בוי־טעטיקייט פון בונקערס און קאַנאַלן.

די עיקר־שטערונג איז געווען — דער מאַנגל אין געווער. מיר ווייסן שוין פון אַן אויפרוף פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע פון אַ פריערדיקער צײַט, אַז די באַוואָפנונג פון די יידישע קעמפערס איז אין יאַנואַר 1943 באַשטאַנען ס'רוב פון פרימיטיווין קאַלטן געווער (אײַזנס, שטעקנס, העק וכדומה). אין אַ בריוו פון 18טן מאַרץ 1943 צו דער אָנפירונג פון זוו"ז (א"ק) מכוח געווער שרײַבט די אָנפירונג פון „זשאָב" אַז אין באַוואָפנונג־הינזיכט „איז די לאַגע קאַטאַסטראָפאַל". דער שענדלעכער ענטפער פון דער אָנפירונג פון זוו"ז (א"ק) איז שוין ברייט באַקאַנט און עס לוינט זיך נישט אויף אים אָפּצושטעלן. די איינציקע וואָס האָבן באמת געהאָלפן אין דער פולער מאָס מיט געווער, זענען געווען די פפ"ר, די פאָלקס־גוואַרדיע. צום ערגסטן שטעלט זיך פאָר די פראַגע פון אַמוניציע. אין דעם דערמאָנטן צײַטאָפּשניט (ביז אַפּריל) פאַלט אויס אויף איין מאַשין בסך־הכל 10 קוילן. די אָנפירונג פון „זשאָב" מאַכט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען אײַנצוקויפן געווער, ס'רוב אַ דאַנק דער הילף פון איבערגעגעבענע אַקטיוויסטן פון פפ"ר, „גוואַרדיאַ לודאָוואַ" און פון צווישן די לינק־סאָציאַליסטישע עלעמענטן אָדער פון „זשעגאָטאַ" (ראַט צו העלפן יידן). אַ דאַנק דעם וואַקסנדיקן נאָכפרעג אויף געווער שטײַגט דער פרײַז. דער פרײַז פון אַ פיסטאָלעט („ווים") וואַקסט אומגעהײַער און דערגייט ביז 12—15 טויזנט זל, פאַר קוילן פאַרלאַנגט מען צו 80—120 זל פאַר אַ שטיק. אויף אַ מאַסן־אײַנקויף פון געווער זענען אַזוי אַרום נייטיק געווען געוואַלדיקע סומעס געלט. דער בודזשעט פון „זשאָב" האָט געמוזט וואַקסן אויך צוליב דער קאַשאַרירונג פון די ענגע קאַמפסגרופּעס. דער גרעסטער טייל פונעם „זשאָב"־בודזשעט איז געדעקט געוואָרן דורך דער יידישער געזעלשאַפט גופא. מענטשן האָבן געבראַכט געלט און צירונג, בעקער האָבן געגעבן בחינם ברויט, אאַ"וו. עס זענען אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן סאַבאָטירט די אַקציע פון נאַציאָנאַלן קאַמף. לגבי אָט אַזעלכע וואַלוטע־הענדלערס, ספּעקולאַנטן, פּאָליציי־אָפיצירן און שותפים פון די דײַטשע שאָפּן האָט דער „זשאָב" געמוזט אָנווענדן „עקסן", וועלכע האָבן אַרײַנגעבראַכט גרויסע סומעס אויף אײַנצוקויפן געווער. לגבי די סאַמע פאַרביסנסטע האָט די יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אָנגעווענדט תפיסה.

צו די סאַמע געוואַגטסטע „עקסן" האָט געהערט דער אָנפאַל אויף דער קאַסע פון יודענראַט.

וועגן דעם „עקס" אין דער יודענראַט־קאַסע איז ביז איצט געווען בלויז אַן אַלגעמיינע ידיעה, אַז אַזוינס האָט געהאַט אַן אָרט. דער פאַרלויף פון דער דאָזיקער אויסגעצייכנט אָרגאַניזירטער אַקציע איז געווען אומבאַקאַנט. אַ דאַנק נײַע דערקלערונגען פון עדי ראיה קאָן מען זיך אויפשטעלן לפי־ערך אַ בילד פון דער אַקציע. וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער נאַכט פון 29טן אויפן 30טן יאַנואַר 1943. די יידישע קעמפערס, אין היטלען פון דער אָרדנונגס־פּאָליציי, האָבן טעראָריזירט די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געהאַלטן וואַך אינעם יודענראַט. דער „עקס" איז דורכגעפירט געוואָרן זייער ענערגיש און פלינק. מיט דער גאַנצער אַקציע האָבן אָנגעפירט דער לינקער דרוקער־אַרבעטער שמעון מאַיופּעס און הערש בערלינסקי.

אויף צו מאָרגנס האָט דער יודענראַט־פּרעזעס ליכטענבוים אַלאַרמירט די געהעריקע היטלעריסטישע מאַכטאָרגאַנען. יענע זענען געקומען אויפן אָרט, צונויפגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל, אָבער נישט אונטערגענומען קיין שום שריט — צו דער גרויסער שטוינונג פון די יידן. ווײַזט אויס אַז דער שונא האָט נישט געוואָלט אויפהייבן קיין טומל איבער אַזאַ „קלייניקייט", ווײַסנדיק — נאָך די יאַנואַר־געשעענישן — אַז די יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע ווערט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג.

מיט דער צײַט האָט דער „זשאָב" אויפן געביט פון די „עקסן" באַקומען אַ געפערלעכן און פאַרברעכערישן קאָנקורענט. דאָס זענען געווען רויבער־באַנדעס, סײַ יידישע, סײַ פּוילישע; די לעצטע פלעגן קומען אויף „גאַסטראָלן" מחוץ דעם געטאָ. די דאָזיקע באַנדעס האָבן זיך אָפּט פאַרגעשטעלט ווי גרופּעס פון „זשאָב" אָדער ווי אַנדערע קאַמפסגרופּעס, אויסגעפּרעסט געלט און דורכגעפירט „עקסן". די יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע האָט פאַרטיידיקט די באַפעלקערונג קעגן די רויבערס און באַקעמפט די גענגסטערס.

אַ צווייטע וויכטיקע אַרבעט האָבן די יידישע קעמפערס דורכגעפירט אין דעם באַשריבענעם פּעריאָד אויפן געביט פון אויסרייניקן די לופט, פון אויסראָטן פאַררעטערס און שפּיאָנען.

דער ערשטער גערעכטיקער נקמה־אַקט איבער אַ פאַררעטער האָט, ווי באַקאַנט, געהאַט אַן אָרט אין אויגוסט 1942, ווען דער קעמפער ישראל קאַנאַל האָט מיטן רעוואָלווער וואָס איז אַרײַנגעשיקט געוואָרן דורך דעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון פפ"ר אויסגעפירט, אמת, נישט אין גאַנצן קיין געלונגענעם אַטענטאַט איבער

דעם שעף פון דער געטא־פאליציי יוזעף שערינסקי. דער טיפער איינדרוק פון אט דעם ערשטן שאס איז שוין אויבן באשריבן געוואָרן.

אין אָקטאָבער 1942 איז אויסגעפירט געוואָרן אן אטנטאט — דאָס מאָל א פולשטענדיק געלונגענער — איבער דעם יודענראַט־מאכער און היטלעריסטישן אגענט ישראל פירשט. אין נאָוועמבער 1942 — איבער שערינסקיס פארטרעטער און פאָליציייִשן אָנפירער מיט דער ליקווידיר־אקציע, יאקוב לעיקין. די אלע טויט־אורטיילן זענען אויסגעפירט געוואָרן אין הסכם מיט די עפנטלעכע וואָרענונגען וואָס די ייִדישע קאמפס־אָרגאניזאציע האָט ארויסגעלאָזט. די ערשטע וואָרענונג איז פארעפנטלעכט געוואָרן דעם 17טן אויגוסט 1942, די צווייטע — דעם 30טן אָקטאָבער 1942. ווי עס גיט איבער די צווייטע וואָרענונג, וועלכע פאררופט זיך אויף דער ערשטער, זענען געשטעלט געוואָרן אין באשולדיקונג־צושטאנד פאר קאָלאבאָראציע, אונטערדריקונג פון די ארבעטער און פייניקן די ייִדישע באפעלקערונג דער יודענראַט, די לייטערס און די אדמיניסטראציעס פון די שאָפּן, די לייטערס, אָפיצירן און פונקציאָנארן פון דער „אָרדנונגס־דינסט" און די „גרופּן־פירערס" און פונקציאָנארן פון „ווערקשוץ".

אין דעם פעריאָד יאנואר—אפּריל איז די אקציע פון אויסראָטן פאררעטערס ארויס פון יחידישע ראמען און אָנגענומען א ברייטערן פארנעם.

אין פעברואר האָט די גרעסטע אקציע פון אויסראָטן ייִדישע אגענטן פונעם שונא געהאט אן אָרט אויף שוויענטאָ־יערסקע, אויפן געביט פון די בערשטערס, אויפן געביט וואָס האָט זיך אָפיציעל אָנגערופן „הערעסאונטערקונפטס־פערוואלטונג". די אקציע איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 21טן פעברואר. די פרטים פון דער אקציע זענען איצט באקאנט סיי פונעם ראפּאָרט פון די קעמפערס, סיי פון דערקלערונגען פון עדי ראיה.ביידע מינים מאטעריאלן געפינען זיך אינעם ארכיוו פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט.

די עדות גיבן אָן די צאָל געסטאפּאָ־אגענטן, איבער וועלכע עס איז אויף שוויענטאָ־יערסקע 38 אויסגעפירט געוואָרן דער אטנטאט, אויף פינף. פון די פינף זענען פיר געוואָרן דערשאָסן צום טויט; איינער, דער סאמע געפערלעכסטער, סקאָסאָוווסקי, איז געפאלן א שווער פארוואונדעטער. ער האָט זיך שפּעטער אויסבאהאלטן אויף דער „ארישער" זייט. עס האָט אים, ווייזט אויס, באהערשט אזא שרעק פאר די געטאָ־קעמפערס, אז ער האָט מורא געהאט אויף דער אויספאָרשונג אין געסטאפּאָ צו זאָגן דעם אמת. ער איז אין א צייט ארום דערשאָסן געוואָרן אין זיין אייגענער שטוב אויף דער „ארישער" זייט דורך א ספּעץ־גרופּע פון דער פאָלקסגווארדיע נאָך א גענויער אויספאָרשונג מצד דער ייִדישער קאמפס־אָרגאניזאציע.

ביים דערשאָסענעם געסטאפּאָ־אגענט אויף שוויענטאָ־יערסקע 38, ווייִנטרויב, האָבן די אטנטאט־אויספירערס געפונען א באריכט, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן פאר דער געסטאפּאָ, מיט א רשימה פון בונקערס און א רעפעראט וועגן די שטימונגען וואָס הערשן אין געטאָ.

די אקציע פון 21טן פעברואר האָט געמאכט אין געטאָ א שטארקן איינדרוק. די מעכטיקסטע פיגורן, וואָס ווערן געשטיצט דורך דער געסטאפּאָ, זענען דערשאָסן געוואָרן! אין געוויסע קלייַנבירגערלעכע געטאָקרייזן איז דער איינדרוק געווען אזא שטארקער, אז זיי האָבן זיך דעצידירט צו שטיצן די ווידערשטאנד־באוועגונג. האָט טאקע די אָנפירונג פון דער ייִדישער קאמפס־אָרגאניזאציע געהאט א גרונד צו מעלדן אין איר בריוו פון 13טן מערץ 1943 אז: „אונדזער אקציע האָט זיך אויפן בערשטער־געביט פארענדיקט מיט אונדזער פולשטענדיקן זיג".

דער צווייטער אקט פון רעוואָלוציאָנערער גערעכטיקייט איז געווען דאָס אויספירן דעם טויטאורטייל איבערן געסטאפּאָ־אגענט אויפן געביט פונעם יודענראַט, דעם 75יעריקן געוועזענעם ציוניסטישן טוער און שרייבער ד"ר אלפרעד נאָסיג, וועלכער האָט געדינט דער דייַטשער אויסשפּירונג שוין, אפּנים, זינט א סך יאָרן. „אין געטאָ האָט ער — ווי עס דריקט זיך אויס דער גוט באהאוונטער עס־עס־אָבערשטורמפירער פראנץ קאָנראַד — געשטעלט זיין ארבעט אין רשות פון די דייַטשן". נאָך דער מפּלה פון דעם עס־עס און פּאָליציי־פירער פערדינאנד זאמערן־פראנקענעג אין געטאָ אין יאנואר 1943 האָט נאָסיג אָנגעשריבן אויף זעקס זייטן א גענויעם מעמאָריאל פאר דער זיכערקייט־פּאָליציי מיט אינפאָרמאציעס וועגן דער ייִדישער ווידערשטאנד־באוועגונג און מיט עצות, ווי אזוי דורכצופירן א נייַע „אויסזידלונג" אויף א „פרידלעכן" אופן. די ייִדישע קאמפס־אָרגאניזאציע האָט ארויסגעגעבן דעם טויטאורטייל, וועלכער איז אויסגעפירט געוואָרן דורך די קעמפערס אברהם דרייער, פייוול שווארצשטיין און מאָטל פינקעלשטיין אין נאָסיגס אייגענער דירה אויף מוראנאָווסקע 42.

אין חודש פעברואר זענען אויך אויסגעפירט געוואָרן טויט־אורטיילן איבער: דעם געטאָ־פּאָליציי־אָפיציר פירשטענבערג (אויף דזשיקע־גאס), די געסטאפּאָ־אגענטן מאָניעק פּרוזשאנסקי און זיין זון, דעם שפּיצל אנדערס (א ייִד), אין דעם מאָמענט ווען ער האָט געוואָלט עוקר זיין אויף דער „ארישער זייט, דער געסטאפּאָ־שפּיצל זינגער (ער איז געוואָרן באגאָסן מיט וויטריאָל). אין א רעסטאָראן אויף נאָוואָליפּיע איז דורך די קעמפערס צעלניק, כאצקל און יאנקל דערשאָסן געוואָרן איינער פון די מיאוסטע באהעלפערס פון דעם שונא, דער טרעגער פּיניע. איבער א גאנצער ריי געסטאפּאָ־אגענטן זענען די טויטאורטיילן אויסגעפירט געוואָרן שפּעטער, אויך אין לויף פון דעם אויפשטאנד.

פּאראלעל מיט דער אויסראָטונג־אקציע לגבי פאררעטערס און שפּיאָנען האָט די ייִדישע קאמפס־אָרגאניזאציע פארשפּרייט אין געטאָ פלוגבלעטער, וועלכע האָבן גערופן צו וואכזאמקייט קעגן דעם אינערלעכן שונא. אין אזעלכע פלוגבלעטער האָט מען געקאָנט לייענען די ווייַטערדיקע ווערטער: „זייַ פאָרזיכטיק בייַ דער ארבעט! געדענק אז ארום דיר דרייען זיך פּראָוואָקאטאָרן און אגענטן!"

די היטלעריסטן זענען זעלטן געקומען צו הילף זייערע אטאקירטע אגענטן. זיי האָבן פּראָסט־פּשוט מורא געהאט. „לויט אונדזערע ידיעות — גיט איבער אן עד־ראיה, — האָבן די סאָלדאטן פון דער וואך אזוי מורא געהאט פאר פּארטיזאנער, אז עס איז כמעט געווען זיכער, דאָס אויפן אָפּהילך פון די שאָסן וועט קיינער פון זיי נישט ארויסשטעקן די נאָז אויף דער גאס".

אין די זעלטענע פאלן ווען די היטלעריסטן זענען יאָ געקומען צו לויפן, האָבן די ייִדישע קעמפערס זיי אויפגענומען מיט קוילן־סעריעס. די קאמפּסאקציעס זענען געווען געווענדט אויך קעגן די יענע „ווערקשוצן", וועלכע האָבן זיך געלאָזט פילן די ארבעטער אין די שאָפּן. צוו"א איז דערשאָסן געוואָרן איינער פון די פארהאסטע דייַטשע „ווערקשוצן" „פּאַט" (ער איז געווען זייער א הויכער; עס איז אויך געווען א נידעריקער „ווערקשוץ", א דייַטש וועלכן מען האָט גערופן „פּאטאשאָן"). די אקציע האָבן דורכגעפירט די „זשאָב"־מיטגלידער סעוועק נולמאן און סאלעק.

דעם עלפֿטן פֿעברואַר האָבן די קעמפֿערס דערשאָסן אויף נאַלעווקעס אַן עס־עס־מאַן; דעם 18טן פֿעברואַר האָבן זיי דערשאָסן, אויך אין געטאָ, צוויי זשאַנדאַרן. אויך וועגן די אַקציעס זענען פֿאַראַן ראַפּאָרטן, אָנגעשריבענע דורך די אויספֿירערס (אינעם אַרכיוו פֿון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט).

אונטערשטרײַכנדיק דעם אויפֿשטײַג פֿון די קאָמפּאַקציעס אין געטאָ, דאַרף מען זאָגן אַז עס איז קלאָר, דאָס דער שונא האָט אָבסערווירט די געשעענישן מיט אַ וואַקסנדיקן אומרו. עס האָט זיך פֿאַר די אָנפֿירנדיקע אָרגאַנען פֿון דער היטלעריסטישער זיכערקייט־פּאָליציי אַלץ שאַרפֿער געשטעלט די פֿראַגע פֿון ענערגישן און פֿולשטענדיקן ליקווידירן דעם געפֿערלעכן ווידערשטאַנד־צענטער, וואָס עס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט דאָס וואַרשעווער געטאָ.

מען קאָן אָננעמען אַז לפֿי ערך אין דער דאָזיקער צײַט איז פֿאָרגעקומען דער שמועס פֿון מאַרטין באָרמאַנען מיט היטלערן אין מינכען אין דער פֿראַגע פֿון וואַרשעווער געטאָ, וועגן וואָס עס שרײַבט אין זײַנע זכרונות דעם „פֿירערס" קאַמערדינער קאַרל ווילהעלם קראַוזע 5). באָרמאַן האָט אינפֿאָרמירט היטלערן וועגן דער לאַגע אין וואַרשע און אים דערציילט וועגן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ, אַקצענטירנדיק דעם פֿאַקט וואָס אין דער געטאָ־אונטערערד האָט מען געפֿונען אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, דורך וועלכן די ייִדן שטייען אין קאָנטאַקט מיט אויסלאַנד. אויף באָרמאַנס פֿראַגע: ווי דאַרף מען האַנדלען? „האָט היטלער אַ טראַכט געטאָן און דערקלערט, אַז אויב דער ראַפּאָרט איז אמתדיק, מוזן קומען רעפּרעסיעס". דעם ענין פֿון רעפּרעסיעס האָט דער „פֿירער" איבערגעגעבן באָרמאַנען, הימלערן און די עס־עס־פֿירערס אין וואַרשע.

דעם 16טן פֿעברואַר האָט הימלער אַרויסגעשיקט געהיימע בריוו צום שעף פֿון דעם „ווירטשאַפֿטס־פֿערוואַלטונג־הויפּטאַמט", דעם עס־עס־אָבערגרופּנפֿירער גענעראַל פּאָהל און צום העכערן עס־עס־ און פּאָליציי־פֿירער פֿון דער גענעראַל־גובערניע גענעראַל קריגער. אין דעם בריוו צו דעם לעצטן זאָגט זיך אַז „די צעשטערונג פֿון געטאָ און דאָס שאַפֿן אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער איז אַ נויטווענדיקע זאַך, ווײַל אין קעגנפֿאַל וועלן מיר קיין מאָל נישט דערפֿירן צו דער באַרויִקונג פֿון וואַרשע, און די פֿאַרברעכערישקייט, בײַם עקסיסטירן פֿון געטאָ, וועט קיין מאָל נישט ווערן אויסגעראָטן". און ווײַטער:

„מען דאַרף מיר פֿאָרלייגן אַן אַלגעמיינעם פּלאַן פֿון צעשטערן דאָס געטאָ. יעדן פֿאַלס דאַרף מען דערגרייכן אַז דער שטח, וואָס עקסיסטירט ביז איצט פֿאַר איבער 500 טויזנט אונטערמענטשן און וואָס וועט קיין מאָל נישט זײַן פּאַסיק פֿאַר דײַטשן, זאָל פֿאַרשווינדן פֿון דער ערד־איבערפֿלאַך און עס זאָל פֿאַרקלענערט ווערן די מיליאָנען־שטאָט וואַרשע, וועלכע איז כסדר אַ געפֿערלעכער צענטער פֿון פֿונאַנדערלייגונג און אויפֿשטאַנד".

הימלערס באַפֿעל פֿונעם 16טן פֿעברואַר 1943 איז די ענדגילטיקע חתימה אויפֿן טויטאורטייל פֿון וואַרשעווער געטאָ. דאָס צויאָגן אויסצופֿירן דעם אורטייל — נישט קוקנדיק אויף די באַמיִונגען פֿון דער מיליטערישער מאַכט וועגן אַ צײַטווײַליקן אָפּלייגן די ליקווידאַציע צוליב ווירטשאַפֿטלעכע סיבות — איז דיקטירט געוואָרן, ווי הימלער האָט עס אונטערגעשטראָכן אין זײַן בריוו, צוליב סיבות פֿון זיכערקייט. וואַרשע, דאָס געטאָ אײַנגעשלאָסן, איז, לויט דער מיינונג פֿונעם „רײַכספֿירער", כסדר אַ צענטער פֿון אויפֿשטאַנד. דער בריוו פֿונעם 16טן פֿעברואַר איז אַ באַפֿעל נישט בלויז אַרויסצושיקן די ייִדן, נאָר אויך חרוב צו מאַכן דאָס געטאָ. דער באַפֿעל אויסצוגלײַכן מיט דער ערד דעם ייִדישן ווױנראַיאָן, דעם ראַיאָן פֿון העכער אַ האַלבן מיליאָן אײַנוווינערס, איז אײַנצײַטיק געווענדט קעגן דער שטאָט וואַרשע, וועלכע דאַרף ווערן, לויט די פּלענער פֿון די היטלעריסטן, דעגראַדירט, צעקאַליעטשעט און פֿאַרקלענערט. דער פּלאַן, וואָס שטאַמט פֿון בערלין, איז געווען דער אָנהייב פֿון וואַרשעס צעשטערונג בכלל, וואָס איז רעאַליזירט געוואָרן אין אַ יאָר שפּעטער, אין 1944.

דאָס אויספֿירן דעם פּלאַן איז איבערגעגעבן געוואָרן צוויי פֿאַרדינסטפֿולע פֿעלקער־מערדער, פּאָהלן און קריגערן, וועלכע האָבן געדאַרפֿט אָנפֿירן מיט ביידע זײַטן פֿון דעם זעלביקן פֿאַרברעכן: קריגער — מיטן ליקווידירן די מענטשן און מיט חרוב מאַכן דעם ווױנראַיאָן; פּאָהל — מיטן צורויבן דאָס פֿאַרמעגן. דאָס איבערגעבן קריגערן און פּאָהלן די אויפֿגאַבע פֿון ליקווידירן דאָס געטאָ איז געקומען נאָך דעם ווי אין די צענטראַלע עס־עס־אינסטאַנצן האָט מען זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער לכתחילהדיקער קאָנצעפּציע צו ברענגען פֿון נירענבערג קיין וואַרשע אַ ספּעציעלע סאַפּיאָרן־אָפּטיילונג צו פֿאַרניכטן דאָס געטאָ. מיר קענען נישט די סיבות פֿאַר וואָס דער שונא האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון דעם פּראָיעקט, מיר ווייסן אָבער יאָ אַז ער האָט באַשלאָסן — איידער ער נעמט זיך צו דער ענדגילטיקער טעראָריסטישער ליקווידירונג — ווידער אָנצווווענדן די אַלטע מאַנעווערס פֿון דיווערסיע און „פֿרידלעכן" אַרויספֿירן די ייִדן. דאָס אָנווענדן די דאָזיקע מעטאָדן האָט זיך גענומען פֿון דער מורא, טאָמער חזרן זיך איבער — און אפֿשר אין אַ נאָך ברייטערן פֿאַרנעם — די געשעענישן פֿון 18—20טן יאַנואַר.

די נײַע דיווערסיע־מעטאָדן צו גאַנגרעניזירן און פּאַראַליזירן די ייִדישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג פֿון אינעווייניק זענען געווים באַאַרבעט געוואָרן אין דער וואַרשעווער זיכערקייט־פּאָליציי, ביי ד"ר האַהן צוזאַמען מיט די געסטאַפּאָ־באַאַמטע מענדע, בראַנדט א"אַ. פּלוצעם האָט זיך אין וואַרשעווער געטאָ באַוויזן אַ שפּאָגל נײַע „קאַמפּסגרופּע", וועלכע איז אַרויסגעטראָטן אונטערן נאָמען און פֿירמע פֿון דער אַמאָליקער אונטערערדישער געטאָ־צײַטשריפֿט אין דער פּוילישער שפּראַך „זשאַגעוו", וואָס איז שוין פֿון לאַנג, זינט מײַ 1942, נעלם געוואָרן פֿונעם האָריזאָנט (דער לעצטער נומער, וואָס געפֿינט זיך אינעם רינגעלבלום־אַרכיוו, שטאַמט פֿון מײַ 1942). די נײַע „קאַמפּסגרופּע" איז — לויטן אויסדרוק פֿון דעם געטאָ־כראָניקער שמואל ווינטער — געווען אַ מיסטיפֿיקאַציע פֿון „זשאַגעוו" און גיכער אַ פֿיליע פֿון גאַנצוויַיך, וועלכער האָט נאָך אַ לענגערן פֿאַרזונקען ווערן זיך ווידער באַוויזן אין געטאָ אין די חדשים פֿעברואַר—מאַרץ. די דאָזיקע „קאַמפּסגרופּע", וועלכע איז בפֿירוש אונטערגעשטעלט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, איז אַרויס מיט הוררא־רעוואָלוציאָנערע מליצות, שטרעבנדיק אײַנצורעדן די קאַמפּסשטימונגען פֿון דער געטאָ־מאַסע און אַרויסצורופֿן פּריצײַטיקע, נישט צוגעגרייטע עפֿנטלעכע אַרויסטרעטונגען, כדי צו דערפֿירן צו אַ שחיטה און אַרײַנצוכאַפּן די ייִדן אין אַ נעץ. די דיווערסאַנטן האָבן אַרויסגעלאָזט אַן אויפֿרוף, אין וועלכן זיי האָבן אויפֿגעפֿאָדערט די ייִדן, זיי זאָלן זיך צונויפֿזאַמלען פֿאַרן יודענראַט־בנין אויף זאַמענהאָף־גאַס מיטן ציל „אָנצוהייבן אַן אויפֿשטאַנד". די געסטאַפּאָ האָט געוואָלט אַזוי אַרום אַרויסציִען די ייִדן פֿון די שאָפּן, ווילדע געביטן אָדער בונקערס און כלערליי באַהעלטענישן, אַרומרינגלען זיי אויפֿן פּלאַץ און אויסשחטן זיי אויפֿן אָרט, אָדער מיט געוואַלד אַוועקשלעפּן זיי צום אומשלאַג־פּלאַץ. דער דאָזיקער פֿערפֿידער מאַנעוווער איז אָבער טאָרפּעדירט געוואָרן דורך

5) קאַרל ווילהעלם קראַוזע: צען יאָר ווי אַ קאַמערדינער ביי היטלערן.
Karl Wilhelm Krause: Zehn Jahre Kammerdiener bei Hitler. Hamburg. S. 73.

דער יידישער קאמפס־ארגאניזאציע, דורך איר וואכזאמקייט, ווי דאס קומט טאקע צום אויסדרוק אין שמואל ווינטערס נאטיצן.

איינצייטיק באמיט זיך גאנצוויַיך צו שאפן אין געטא אן „אנטיקאמוניסטישע ליגע". אויך דער מאנעווער ווערט דעמאסקירט און טארפעדירט — לויט ווי עס טיילט מיט אין זיינע נאטיצן דער זעלביקער שמואל ווינטער. עס איז שוין דעמאלט נישט געווען אין געטא כמעט קיין איין ייד וועלכער זאל זיך דערוועגן צו טראכטן וועגן אנטייל נעמען אין קאמף קעגן קאמוניזם, קעגן דעם ראטן־פארבאנד.

די יידישע קאמפס־ארגאניזאציע האט נישט בלויז גערופן צו וואכזאמקייט. זי האט דערקלערט א קאמף די רעדל־פירערס פון דער א"ג „זשאגעוו־גרופע". אויף שוויענטא־יערסקע 34 איז דערשאסן געווארן איינער פון זיי, א געוויסער איגנאץ.

די דיווערסיע איז דעם שונא נישט געלונגען.

האט ער זיך גענומען צו א צווייטן שווינדלערישן מיטל — ער האט ווידער אנגעטאן א מאסקע פון א רודף־שלומניק. דער שונא האט זיך געריכט אז די שווערע לאגע פון די געטא־איינוואוינערס וועט העלפן ארויסצורופן ביי זיי א גרייטקייט אנצונעמען די „פרידלעכע" טאקטיק פון „אויסזידלונג". דער בלוטיקער בראנדט איז מיט א מאל נעלם געווארן פון דער סצענע — אויף דער ארענע זענען אויפגעטראטן די „זאכלעכע" סוחרים און אונטערנעמערס, די ציווילע לייט וואלטער צעזאר טעבענס, ק. ג. שולץ, סטעהמאן א"א. עס העלפן זיי מיט אין דער אגיטאציע, אז די יידן דערווארט אין טראווניק און פאניאטאוו ממש א גן־עדן, אויסווורפן פון דער יידישער געזעלשאפט, ווי הירשל, וויינבערג, גלאווינסקי — שותפים און דירעקטארן פון דייטשע שאפן, און א ריי פארקויפטע מייסטערס. עס ווערט, כידוע, געבראכט א דעלעגאציע פון אכט יידישע מייסטערס פון לובלין, וועלכע דארפן באשטעטיקן די אמתדיקייט פון די צוזאגן פון טעבענס און זיינע באהעלפערס. די יידישע קאמפס־ארגאניזאציע רעכנט זיך אפ מיט אט די פאררעטערס, פונקט ווי מיט די פריערדיקע. הירשל ווערט דערשאסן אין מיטן העלן טאג אויף דער גאס. די נישט־געבעטענע יאר־עדות פון לובלין קריגן אנגעבראכן די ביינער און ווערן געצווונגען צו בלייבן שטיל.

טעבענס, דער גירוש־קאמיסאר, פרווט אבער ארגאניזירן דעם ערשטן ארויספאר־טראנספארט פון מענטשן און מאשינען. אויפן ערשטן פייער גייט האללמאנס סטאליערײַ־פאבריק. אין דער צווייטער ריי — די פאבריקן פון שולץ און שיללינג און די בערשטער־ווארשטאטן. די יידישע קאמפס־ארגאניזאציע ווארפט דעם לאזונג „טראווניק און פאניאטאוו איז טרעבלינקע!" דער לאזונג פונעם „זשאב" ווערט אויפגענומען און אויסגעפירט דורך דער מאסע. פון די טויזנט ארבעטערס פון דער סטאליערײַ־פאבריק, וועלכע ווערן אויפגעפאדערט זיך צו שטעלן צום ארויספאר, יאווען זיך נישט מער ווי 25. טעבענסעס אויפפאדערונג ווערט סאבאטירט. און די יידישע קאמפס־ארגאניזאציע איז דאס מאל ווידער זייער אקטיוו און רירעוודיק. כדי נישט צוצולאזן צום ארויספירן די מאשינען און רוישטאפן, צינדן אונטער צוויי „זשאב"־גרופעס, אונטער דער אנפירונג פון שלמה ווינאגראן און מאטל גאלדשטיין, האללמאנס מאגאזינען און ווארשטאטן, מאכנדיק דער דאזיקער דייטשער אונטערנעמונג א שאדן אויף א סך מיליאנען.

די דאזיקע גוט־דורכגעפירטע אקציע פון דער יידישער קאמפס־ארגאניזאציע האט געהאט א ברייטן אפקלאנג נישט בלויז אין געטא, נאר אויך אין דער פוילישער אונטערערד אויף דער „ארישער" זייט. א ספעציעלן ארטיקל האט געווידמעט דער דאזיקער אקציע דער ארגאן פון דער פאלקסגווארדיע „גווארדזשיסטא". אינעם נומ' 16 פון 12טן אפריל 1943. אינעם ארטיקל א"נ „דער ווידערשטאנד אין געטא" ווערט צוו"א געשריבן אט וואס: „מיט א פולשטענדיקער מפלה האט זיך געענדיקט דער פרווו צו עוואקוירן האללמאנס פאבריק. אין אט דער גרויסער אונטערנעמונג, וועלכע ציילט ארום 1000 ארבעטער, האבן זיך צו דער עוואקואציע געשטעלט סך־הכל 50 פערזאן. די מאגאזינען פון האלץ, ברעטער און פארטיקע מעבל, וועלכע זענען געווען באשטימט פאר מיליטערישע אינסטיטוציעס, זענען געלאזט געווארן מיטן רויך דורך א גרופע גווארדיסטן. אויפן געביט פון די פאבריקן דויערט ווייטער די אקציע פון אויסראטן געסטאפא־שפיצלערס און פון סאבאטירן די טעראריסטישע פאראָרדענונגען פון די דירעקציעס".

ווען עס איז נישט געלונגען אין איין ארט, אויפן האללמאן־געביט, ווארפט זיך טעבענס אויף א צווייטן געביט. סוף פעברואר אדער אנהייב מארץ פרווט טעבענס „אויסצוזידלען" די ארבעטער פון שולצס און שיללינגס פאבריקן. עס חזרט זיך אבער איבער דאס זעלביקע וואס אין האללמאנס פאבריק. פון די 1600 ארבעטער פון די פאבריקן שטעלן זיך צום ארויספאר 250. אבער אויך פון דער גרופע אנטלויפן א סך. די היטלעריסטן האבן געכאפט פיל פון די אנטלאפענע און זיי פארשפארט אין ארעסט. דעמאלט פירט דורך די יידישע קאמפס־ארגאניזאציע אן אטעם־פארכאפנדיקע דרייסטע אקציע און באפרייט אין דער אנוועזנקייט פון דער דייטשע „ווערקשוצן", וועלכע קוקן זיך צו צו די געשעענישן און האבן מורא אפצוגעבן אפילו איין שאס.

אנהייב מארץ ווערן דורכגעפירט ווייטערדיקע סאבאטאזש־אקטן קעגן די מאשינען און רוישטאף־מאגאזינען פון די דייטשע אונטערנעמערס אין געטא. דעם זעקסטן מארץ צינדן אונטער יידישע קעמפערס די עס־עס־מאגאזינען אויף נאלעווקעס. די דאזיקע מאגאזינען זענען געווען פאראייניקט מיט די ווארשטאטן וואס האבן צוגעשטעלט אויסשטאטונג פאר לאזארעטן — למשל מאטראצן, בעטלעך, קאלדרעס. די קעמפערס האבן באנוצט אנצינדפלעשער, טערמיט־באמבעס, בענזין און נאפט. נאכן אפגעבן צוויי שאסן אויף אפצושרעקן די וואך, איז דורכגעפירט געווארן די אויפרייס־אונטערצינדונג. דער דייטשער וועכטער האט זיך פון שרעק באהאלטן, נישט אפגעבנדיק קיין איין שאס. די שאדנס זענען געווען זייער גרויסע. די אלארמירטע עס־עס, פאליציי, זשאנדארמעריע און פייער־לעשערס זענען אנגעקומען אין 4 מינוט נאכן אויספירן דעם סאבאטאזש־אקט, אבער עס איז שוין געווען צו שפעט.

אין די טעג פון 4טן ביזן 12טן מארץ מאכט טעבענס פארשידענע אנשטרענגונגען ארויסצופירן די ארבעטער פון דעם בערשטער־געביט. די באמיִונגען טרעפן אבער אן אויף אן ארגאניזירטן ווידערשטאנד מצד די יידן. פון די 4000 בערשטער־ארבעטער מעלדן זיך צום ארויספאר נאר 20. אבער אויך די 20 האבן די היטלעריסטן געמוזט פירן דורך „ארישע" גאסן און נישט דורכן געטא, צוליב דער מורא, זיי זאלן נישט ווערן אפגעשלאגן. מחמת דער געשאפענער לאגע באשליסט טעבענס ארויסצופירן נאר די מאשינען. דער „זשאב" ענטפערט אויף דעם מיט אונטערצינדן אויפן אומשלאג־פלאץ די דאזיקע מאשינען. אזוי ארום זענען פון דעם בערשטער־געביט נישט ארויסגעפירט געווארן נישט די

מענטשן, נישט די מאַשינען. די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט דערצו נישט דערלאָזט.

אַט אַזוי האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אויך די צווייטע טאַקטיק, די טאַקטיק פון „פרידלעכע" מאַנעווערס איז דעם שונא נישט געלונגען. די ייִדישע קעמפּפערס האָבן פאַרשטאַנען אַז דער שונא וויל מיט אַלע כוחות צורויבן בײַ זיי זייער נאַטירלעכן קאַמפּספּלאַץ, דאָס געטאָ אין שטאָט, די הײַזער, וועלכע האָבן געקאָנט דינען פאַר פעסטונגען, די בונקערס אד"גל. די ייִדישע קעמפּפערס האָבן זיך מיט ציין און נעגל געקלאַמערט אין דעם דאָזיקן קאַמפּספּלאַץ.

נאָך דעם ווי די צוויי מעטאָדן — די דיווערסיע און די „פרידלעכע" אַגיטאַציע — האָבן קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן דעם שונא נישט געבראַכט, האָט די היטלעריסטישע זיכערקייט־מאַכט אין ווארשע ווײַזט אויס באַשלאָסן צו צווינגען די געטאָ־באַפעלקערונג צו ענדערן איר שטעלונג דורך אַ ספּעציעלן גרעסערן טעראָר־אַקט. סוף דער צווייטער וואָך פון חודש מאַרץ הייבן מיט אַ מאָל אָן גרופּעס פון „ווערקשוצן" און סאָלדאַטן צו בושעווען איבער די געטאָגאַסן. זיי רײַסן זיך אַרײַן כנופיותווײַז אין די הײַזער, שיסנדיק און ראַבירנדיק. די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע טרעט תיכף צו צו אַ נקמה־אַקציע. אויף אַ געגעבענעם סיגנאַל טרעטן אַרויס די קעמפּפערס דעם 13טן מאַרץ 6 אַ זייגער אין דער פרי און נעמען זיך יאָגן נאָך די פּאָגראָמשטשיקעס. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פון 13טן מאַרץ, וועלכער איז נאָך די יאַנואַר־געשעענישן געווען דער צווייטער לויט דער גרייס באַוואָפנטער אַרויסטריט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אינעם פאַר־אויפשטאַנד־פּעריאָד 6). געוויסע נײַע דאָקומענטן און אַרויסזאָגונגען גיבן אַ שטיקל בילד וועגן די געשעענישן פון 13טן מאַרץ. איין קאַמפּסגרופּע האָט אַטאַקירט די דײַטשע „ווערקשוצן" אויף מילע־גאַס, אין דעם מאָמענט ווען זיי האָבן דורכגעפירט אַן איבערפאַל איבער ייִדן. עס האָט זיך פאַרקניפּט אַ שלאַכט. איין דײַטש איז געפאַלן אַ דערהרגעטער, דעם צווייטן האָט געטראָפן אַ קויל בעתן אַנטלויפן, אַ דריטער איז געוואָרן דורך די ייִדישע קעמפּפערס אַנטוואָפנט. עס איז תיכף אַלאַרמירט געוואָרן די עס־עס, עס זענען אַרײַן אין געטאָ עס־עס־לײַט און געסטאַפּאָ. די קעמפּפערס האָבן באַנײַט די שיסערײַ. אין רעזולטאַט איז איין עס־עס־מאַן געוואָרן פאַרוווּנדעט. דער „זשאַב" האָט קיין פאַרלוסטן נישט געהאַט.

דער מוטיקער אַרויסטריט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין די פרימאָרגן־שעהן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סיגנאַל זיך צו וואַרפן אויף די תלינים. גרופּעס קעמפּפערס און סתם דרייסטע מענטשן לאָזן זיך אין געיעג נאָך די „ווערקשוצן". אוקראַיִנישע „ווערקשוצן" ווערן אַנטוואָפנט, איינער פון זיי פאַלט אַ דערשאָסענער. עס־עס־לײַט כאַפּן אַ קעמפּפער מיט געווער אין האַנט. דער „זשאַב" שלאָגט אָפּ דעם חבר. בעתן קאַמף פאַלן טויט צוויי היטלעריסטן.

אויף מוראַנאָווער גאַס טרעט אַרויס אַ גרופּע טרעגערס און שמוגלערס ,וועלכע דערהרגענען אַן אָפיציר פון דער „לופטוואַפע"; דער אָפיציר איז געקומען אויף רויב־„גאַסטראָלן" אין געטאָ.

אויף לעשנע ברעכט אויס אַ קעגנזײַטיקע שיסערײַ. אין סך־הכל פאַלן צוויי דײַטשן און איין אויסשפּירער פון דער פּוילישער פּאָליציי. אין שלאַכט פאַלט איין ייִדישער קעמפּער.

נײַן אַ זייגער אין דער פרי האָבן זיך די עס־עס־לײַט צוריקגעצויגן. „די גאַסן זענען געבליבן פּוסט; מיט שפּאַנונג דערוואַרטן מיר די ווײַטערדיקע געשעענישן" — אַזוי האָט געשריבן די אָנפירונג פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע דעם 13טן מאַרץ אין דער פרי אין אַ ווענדונג צו דער „אַרישער" זייט.

אין עטלעכע שעה אַרום יאָוועט זיך אין געטאָ בראַנדט מיט פאַרשטאַרקונגען און נעמט אָן אַ ריי בלוטיקע רעפּרעסיעס. פון צוויי ביז פיר נאָך מיטאָג דויערט די „פּאַציפיקאַציע". עס ווערט געשאָסן צו יעדן אָנגעטראָפענעם דורכגייער. מענטשן ווערן אַרויסגעצויגן פון די שטיבער און באַהעלטענישן און ווערן בעסטיאַליש דערמאָרדעט אויפן אָרט. די „פּאַציפיקאַציע" האָט קודם־כּל אַרומגענומען דעם אָפּשניט פון מילע־גאַס צווישן זאַמענהאָף און נאַלעווקעס. עס זענען דערהרגעט געוואָרן אַרום 200 ייִדן, בתוכם 14 קינדער. פיר אַ זייגער איז די נקמה־אַקציע געוואָרן איבערגעריסן.

די סיבה, פאַר וואָס די „פּאַציפיקאַציע" איז איבערגעריסן געוואָרן, איז נישט געווי באַוווּסט. עס קאָן זײַן אַז די היטלעריסטן זענען נאָך נישט געווען גרייט זי צו פאַרוואַנדלען אין דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פונעם געטאָ. עס קאָן אויך זײַן אַז עס האָט געהאַט אַ פּעולה דער פאַקט — וועלכן עס האָט אָנגעגעבן בעת זײַן עדות זאָגן אויף סטראָאָפּס פּראָצעס מאַרעק עדעלמאַן — אַז די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט דעם 13טן מאַרץ פאַרהאַלטן דעם אַרײַנמאַרש פון 50 היטלעריסטן, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן דורך זאַמערנען צו הילף בראַנדטן. ווי עס זאָל נישט זײַן, דאַרף מען באַטאָנען אַז דער קאַמף פון 13טן מאַרץ האָט שוין געטראָגן אין זיך די שטימונג פון קומעדיקן אויפשטאַנד. די אַטמאָספער אין געטאָ איז שוין אויף אַזוי פיל געוואָרן אָנגעלאָדן מיט פולווער, אַז עס איז גענוג געווען אַ סיגנאַל און אַ מוטיקע זעלבשוץ מיט אַ געשיסערײַ, עס איז גענוג געווען דער ערשטער דערשאָסענער היטלעריסט, אַז עס זאָל זיך אַ ריר טאָן נישט בלויז דער „זשאָב", נאָר אויך אַ טייל פון דער באַפעלקערונג. דאָס לאָזט זיך אַרויספילן סײַ פון די קאָמוניקאַטן פון דער אונטערערדישער פּוילישער פּרעסע, סײַ פונעם טאָן פון דעם בריוו פון דער אָנפירונג פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, סײַ פון דער דערקלערונג פון אַן עד־ראיה (מ. עדעלמאַן), וועלכער פאַררעכנט דעם דורכפאַל פון די דײַטשן דעם 13טן מאַרץ פאַר דער צווייטער מפּלה פונעם עס־עס־ און פּאָליציי־פירער זאַמערן (נאָך די יאַנואַר־געשעענישן); די דריטע איז, כידוע, געקומען דעם 19טן אַפּריל.

מען דאַרף זיך משער זײַן אַז אויף דער דאָזיקער צײַט איז אויסגעפאַלן דער באַשלוס פון די געטאָ־קעמפּפערס אויסצופירן אַן אַטענטאַט איבער פראַנץ קאָנראַדן, דעם עס־עסישן לייטער פון דער „ווערקערפאַסונגסשטעללע" — וועגן וואָס עס האָט מיטגעטיילט קאָנראַד אין די דערקלערונגען אויף זײַן וואַרשעווער פּראָצעס אין יולי 1951. דער אַטענטאַט האָט געדאַרפט ווערן אויסגעפירט אויף ניסקע־גאַס. ער איז נישט צו שטאַנד געקומען מחמת דעם, וואָס קאָנראַדס אַ יוצר משרת, אַ ייִד אַ מסור, האָט אים בײַ צײַטנס געוואָרנט, און קאָנראַד האָט זיך נישט באַוויזן אויפן אָרט, אויסמײַדנדיק אַזוי אַרום די קויל פון די ייִדישע נקמה־נעמערס.

אַנאַליזירנדיק דעם ווײַטערדיקן לויף פון די געשעענישן, דאַרף מען קודם־כּל אונטערשטרײַכן די וואַקסנדיקע אַקטיוויטעט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. נישט געקוקט אויפן בלוטבאָד פון

---

6) די פאַקטאָגראַפיע פון די קאַמפן פון 13טן מאַרץ 1943 גיבן מיר איבער אויפן סמך פון דער פּויליש־אונטערערדישער פּרעסע און פונעם בריוו פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון 13טן מאַרץ 1943, און אויך פון אַ ריי גביות־עדות.

13טן מאַרץ, לאָזט אַרויס דער „זשאַב" באַלד אויף צו מאָרגנס, אין דער נאַכט פון 14טן אויפן 15טן מאַרץ, אַן אויפרוף, וועלכער פאָדערט ווײַטער אויף די באַפעלקערונג צו סאַבאָטירן די אַרויספאַר־פאַראָרדענונגען און צו שטעלן אַ ווידער־שטאַנד. דאָס איז, ווײַזט אויס, געווען נייטיק כדי עס זאָל אין דער פאַרביסענער שטימונג נישט אַרײַנקומען קיין וואַקלונג און אָפּשוואַכונג מחמת דער שחיטה פון 13טן מאַרץ. דער טעקסט פון דעם דאָזיקן אויפרוף איז, צום באַדויערן, צו אונדז נישט דערגאַנגען. אָבער וועגן זײַן אינהאַלט קאָן מען זיך דערוויסן פון דעם באַקאַנטן עפנטלעכן ענטפער, וואָס טעבענס האָט געגעבן אויף דעם דאָזיקן אויפרוף פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. פון דער דערקלערונג פון דעם עד־ראיה בערנאַרד באַרג דרינגט אַרויס אַז דער שלוסאַקאָרד פון דעם „זשאַב"־אויפרוף איז געווען לפי ערך אַזאַ: גלייבט נישט טעבענסן, ער וויל פּונקט ווי אַנדערע עס־עס־לײַט פאַרטיליקן דאָס לעצטע ביסל יידן; אַנשטאָט גיין צום טויט, טרעט אַרויס מיט געווער אין האַנט!

עס איז אינטערעסאַנט אַז אין זײַן עפנטלעכן ענטפער מאַכט זיך טעבענס אין גאַנצן נישט־וויסנדיק וועגן דער „פּאַציפיקאַציע" פון 13טן מאַרץ. ער רעדט נאָר אַלץ ווי אַ „רודף־שלומניק", ער פּאָלעמיזירט „זאַכלעך" מיט דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, אָנרופנדיק זי בײַם נאָמען, ער רעדט וועגן „אויסדויערן די מלחמה" וכדומה. ווי באַקאַנט, איז טעבענסעס ענטפער־אויפרוף קאָנפיסקירט געוואָרן דורך דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. די ראָלעס האָבן זיך אויף אַ געוויסער צײַט געביטן. די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז דער הערשער פון גאַס — דערקעגן טעבענס, דער מעכטיקער שלאָפן־באַזיצער, ווערט אַן אָביעקט פון חוזק און שפּאָט. אין די געטאָקרײַזן איז אין יענער צײַט געווען פּאָפּולער דאָס סאַטירישע ליד, וואָס דער געטאָ־דיכטער וולאַדיסלאַוו שלענגעל האָט אָנגעשריבן אין צוזאַמענהאַנג מיט די אויבן דערמאָנטע געשעענישן. דער אינהאַלט פונעם ליד איז אַזאַ: טעבענס הייסט די יידן פאָרן אויף מיזרח; אין אַ צײַט אַרום ענדערט זיך די סיטואַציע אויפן מיזרח־פראָנט; זי ווערט אַזוי געפערלעך פאַר די היטלער־לײַט, אַז טעבענס קומט צו לויפן אין געטאָ און בעט זיך בײַ די יידן, מען זאָל אים אַרײַנלאָזן אין אַ בונקער 7).

דער לעצטער שריט פון וואַלטער צעזאַר טעבענס כדי פאָרט צו ווירקן אויף די יידן איז שוין באַקאַנט. ער האָט אויף בראַנדטס באַפעל געפרוווט אײַנלאַדן דורך דער יודענראַט־פאַרמיטלונג אויף אַ קאָנפערענץ די פאָרשטייערס פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט מיט פאַראַכטונג אָפּגעוואָרפן די פאַרבעטונג. אויף דעם האָט זיך געענדיקט טעבענסעס „פרידלעכע" מיסיע.

---

אַט אַזוי אַנטוויקלען זיך די געשעענישן און דערנענטערן זיך צום חודש אַפּריל. מען וואָלט געקאָנט אויסרעכענען נאָך עטלעכע מוטיקע קאַמפּאַקטן, ווי למשל די אַקציע אויפן געביט פון די שאָפּן (לעשנאָ־נאָוואָליפּיע־נאָוואָליפּקע־סמאָטשע) אונטער דער אָנפירונג פון בראָנעק יאַוואָרסקי, ווען עס זענען אָפּגעשלאָגן געוואָרן די צוויי אַרעסטירטע קעמפערס סטאַך און סאַלעק, אָדער די אַקציע פון אָפּשלאָגן פון אַרעסט בראָנעקן גופא. אַזעלכע אַקציעס פלעגן פאָרקומען אין מיטן העלן טאָג. עס וואָלט אָבער געווען נייטיק אָנצווייזן אויף נאָך אַנדערע צווײַגן פון דער טעטיקייט פון די יידישע קעמפערס אין יענער צײַט, וועלכע דערווײַזן אַז די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ איז געווען דער אמתער אַפּוטרופּס פון די שווער־געפּרוווטע געטאָ־אײַנוווינערס. עס איז כדאי ווי אַ בײַשפּיל אַרויסצורוקן די באַציִונג פון די יידישע קעמפערס צו דער פּראָבלעם פון די פאַרוואָרלאָזטע קינדער, אָדער די ליטעראַרישע אָוונטן וואָס זענען אײַנגעאָרדנט געוואָרן סײַ אויפן בערשטער־געביט, סײַ אויף מילע־גאַס. די שטימונג, ווי מיר זעען, איז נישט געווען קיין שטימונג פון טויט. אַ נאָך שטאַרקערע אילוסטראַציע פאַר דער שטימונג זענען די געפילן פון די געטאָ־קעמפערס לגבי די אַנטי־פאַשיסטישע וואָפן־חברים פון דער צווייטער זײַט מויער. אין דער הינזיכט איז זייער כאַראַקטעריסטיש דער בריוו צו די „חברים פון יענער זײַט מויער", וועלכן די קאַמפּסיוגנט פון געטאָ האָט אַרויסגעשיקט סוף מאַרץ. דער דאָזיקער בריוו איז אַ מערקווערדיקער דאָקומענט הן אין פּאָליטישער הינזיכט, הן אין הינזיכט פון שטימונג. דער בריוו איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינעם אָרגאַן פון זוו"מ (פאַרבאַנד פון יוגנטקאַמף, יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון פּפּ"ר) „וואַלקאַ מלאָדיך" (דער קאַמף פון די יונגע) פון פינפטן אַפּריל 1943.

אינעם בריוו רעדט זיך וועגן דער שלאַכטגרייטקייט פון די יונגע יידישע קעמפערס, וועגן דעם גלויבן אין דער אויסלייזערישער מיסיע פונעם ראָטן־פאַרבאַנד, וועגן דעם קאַמפּבונד מיט דער פּוילישער פּראָגרעסיווער יוגנט.

דאָס איז געווען די שטימונג פון באַוווּסטזיניקע אַנטיפאַשיסטישע קעמפערס. אויך די שטימונג פון פּשוטע פאָלקסמענטשן איז געוואָרן אַ קעמפערישע. עס זאָגט אויף דעם עדות דער דאָקומענט „פון אַ שמועס", וואָס איז געפונען געוואָרן אינעם צווייטן טייל פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו (רינגעלבלום־אַרכיוו). דאָס איז אַ באַשרײַבונג פון אַ שמועס, וועלכן אַן אַקטיוויסט פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט מיט פּשוטע יידן פון גאַס. אויף דער פראַגע, ווי אַזוי וועט דער ייד רעאַגירן טאָמער עס הייבט זיך ווידער אָן דאָס כאַפּן אַרויסצושיקן, פאַלט דער ענטפער: „וואָס הייסט, וואָס איך וואָלט געטאָן? דעמאָלט וועט מען נישט דאַרפן קיין שום אַגיטאַציע. איך וואָלט צונויפגעזאַמלט אַלע מײַנע חברים. מיר וואָלטן גענומען העק, שטאַנגען, האַמערס, מיר וואָלטן אַראָפּ אין קעלערס, מיר וואָלטן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין דער וווינונג. זאָלן זיי קומען!... אויב עמעצער פון זיי וועט אַרײַנשטעקן דעם קאָפּ אין צימער, דעמאָלט איז ער שוין מײַנער. צען פון זיי וועלן פאַלן פון מײַן האַק. אפשר וועל איך זײַן דער עלפטער... און פאַר זיי, פאַר אונדזערע יידישע פּאָליציאַנטן, — קוקט, וואָס איך האָב צוגעגרייט — און ער האָט מיר געוויזן אַ לאַנגן, שטאַרקן גוט אָנגעשאַרפטן מעסער. — זאָל זיי גאָט אָפּהיטן, זיי זאָלן אָנהייבן מיט מיר".

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט אויסגענוצט דעם דאָזיקן טיפן קער אין די שטימונגען פון דער מאַסע. עס איז געפירט געוואָרן אַ ברייטע אַגיטאַציע אַרײַנצוציִען פּשוטע מענטשן אינעם קאַמף. עס זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן פלוגבלעטלעך (מיט אַ וועקנדיקן אינהאַלט), ווי למשל דער פּאָפּולערער רוף „צו דיר" (אויף פּויליש).

אין דעם קורצן פלוגבלעטל „צו דיר" ציִען אונדזער אויפ־

---

7) מען גיט איבער אַז נאָך דער מלחמה האָט טעבענס טאַקע נאָכגעטאָן אַ געוויסן אײַנפאַל פון יידן. ווען מען האָט אים געכאַפּט און געפירט קיין פּוילן, כדי צו שטעלן פאַרן געריכט, האָט ער — פּונקט ווי אַ סך יידן בעת מען האָט זיי געפירט קיין טרעבלינקע — אויסגעריסן אַ ברעט אין וואַגאָן און איז אַראָפּגעשפּרונגען פון צוג. עס איז אָבער מסתמא זיכער די ידיעה, אַז עס האָבן אים אין דעם געהאָלפן זײַנע אַנגלאָזאַקסישע אַפּוטרופּסים.

מערקזאמקייט צוויי מאָמענטן: דער רוף צום איינהייטלעכן נאַציאָנאַלן קאָמפּאָנענט, און — דער גלויבן אַז דאָס איז אַ קאַמף נישט אויף טויט, נאָר אויף לעבן, אויף לעבן אין היסטאָרישן זין.

אַט אַזוי איז דאָס קעמפנדיקע געטאָ געשטאַנען גרייט. די ענדגילטיקע פיזישע און מאָראַלישע צוגרייטונג איז דערגרייכט געוואָרן אינעם צײַטאָפּשניט יאַנואַר—אַפּריל. דער ענדגילטיקער קאַמף איז אויסגעבראָכן דעם 19טן אַפּריל 1943.

.4

## דער אויסבראָך פונעם אויפשטאַנד דעם 19טן אַפּריל

איידער מיר וועלן איבערגיין צו שילדערן די ענדגילטיקע צוגרייטונגען און דעם אויסבראָך פונעם אויפשטאַנד, לאָמיר זיך קורץ אָפּשטעלן אויף דער לאַגע וואָס האָט זיך געשאַפן פאַרן אָקופּאַנט אין וואַרשע, אין הינזיכט פון זײַן זיכערקייט, אין חודש אַפּריל 1943, ערב דעם געטאָ־אויפשטאַנד.

אין חודש אַפּריל האָט זיך די זיכערקייט־לאַגע פאַרן אָקופּאַנט אין וואַרשע נאָך מער פאַרערגערט. די לאַגע איז געוואָרן ממש געשפּאַנט. ווי עס גיט איבער דער הויפּט־ליקווידאַטאָר פון וואַרשעווער געטאָ, דער עס־עס־גענעראַל יורגען סטראָאָפּ, האָט אים דער וואַרשעווער גובערנאַטאָר דערקלערט, האַרט פאַרן אויסבראָך פונעם געטאָ־אויפשטאַנד, אַז „אויב עס גייט וועגן וואַרשע, דאַרף מען גיכער רעדן וועגן אומזיכערקייט און געפאַר איידער וועגן זיכערקייט און געפאַרלאָזקייט". דער גובערנאַטאָר פון וואַרשע, לודוויק פישער, האָט זיך געפילט אויף אַזוי פיל נישט היימלעך, אַז ער האָט באַפוילן אַרומצוּרינגלען זײַן גובערנאַטאָרישע רעזידענץ אינעם בריל־פּאַלאַץ, אין סאַמע צענטער שטאָט, מיט שטעכיקע דראָטן. סטראָאָפּ גיט איבער אַז עס איז דעמאָלט נישט געווען קיין טאָג, עס זאָל נישט פאָרקומען אַן אָנפאַל אויף פּאָליציי און ווערמאַכט, אַ סאַבאָטאַזש־אַקט, אַן אונטערצינדונג, אַן אויפרײַס. איינער פון די שאַרפסטע ברענפּונקטן אין וואַרשע איז געווען דאָס געטאָ. „איך האָב זיך אָריענטירט — האָט סטראָאָפּ געענטפערט אויף דעם אָנפרעג־בויגן פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט — אַז די דײַטשע מאַכטאָרגאַנען האָלטן שוין נישט מער דאָס געטאָ אין זייערע הענט". לפי ערך אין יענער צײַט זענען געפאַלן די כאַראַקטעריסטישע ווערטער פון דעם ציוניסטישן יודענראַט־פאָרזיצער ליכטענבוים, וואָס ער האָט געזאָגט די פאָרשטייערס פון דער אָקופּאַנטיש־פּאָליציייִשער מאַכט: „מיר רעגירן שוין נישט מער אין געטאָ; עס הערשט דאָ אַ נײַער בעל־הבית". דער נײַער בעל־הבית פון דער לאַגע אין געטאָ איז געווען די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

די אָקופּאַנטישע מאַכט האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר דער מעגלעכקייט אַז די צוויי ווידערשטאַנד־באַוועגונגען פון ביידע זײַטן געטאָ־מויער זאָלן זיך נישט פאַראייניקן, נישט צונויפגיסן אין איין דינאַמישן כוח. אָט די מורא האָט אויסגעדריקט אין זײַן שמועס מיט סטראָאָפּן, פאַרן אויפשטאַנד, דער גובערנאַטאָר פישער. דעם זעלביקן מאָמענט האָט באַרירט בעת זײַן טרעפונג מיט סטראָאָפּן אין יענער צײַט דער קאָמענדאַנט פון דעם רײַכסווער־גאַרניזאָן אין וואַרשע, גענעראַל ראָסום. עס איז דעריבער נישט קיין ווונדער, וואָס דער ענין וואַרשעווער געטאָ האָט אַזוי דענערווירט דעם גענעראַל־גוברנאַטאָר פראַנק, דעם שעף פון דער פּאָליציי איבער דער גענעראַל־גובערניע קריגערן און דעם רײַכס־זיכערקייטס־הויפּט־אַמט אין בערלין (הימלערן און קאַלטענברונען). עס איז אויך נישט קיין ווונדער, וואָס אַפילו דער גענעראַל־שטאַב פון דער ווערמאַכט, ובפרט גענעראַל הײַנץ גודעריאַן, און די הויפּט־קאַנצעלאַריע פון דער היטלעריסטישער רעגירונג האָבן זיך אינטערעסירט מיט דער פראַגע פון דעם געטאָ־אויפשטאַנד. עס זענען אויך פאַראַן געוויסע שפּורן וועגן דעם, אַז דער ראַפּאָרט וועגן דעם דערשטיקן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז דורך הימלערן געוויזן געוואָרן היטלערן אַליין אויפן „פירערס" פאַרלאַנג.

עס איז אויך באַקאַנט אַז דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז שוין נאָך זײַן טראַגיש־העראָיִשן סוף לאַנג קאָמענטירט געוואָרן אין די קרײַזן פון די היטלעריסטישע זיכערקייט־אָרגאַנען און אין די דײַטש־פאַשיסטישע זשורנאַליסטישע ספערעס.

פון דעם אַלעמען איז צו דרינגען אַז די אַפּריל־מײַ־געשעענישן אין וואַרשעווער געטאָ זענען טראַקטירט געוואָרן דורך די היטלער־לײַט זייער ערנסט. די מורא פאַר דער אויסשפּרייטונג פונעם קאַמפּספײַער איז געווען גרויס. די שרעק פאַר דער בײַשפּילדיקייט פון אַזאַ פאַרביסענעם געראַנגל איז געווען נישט קיין שפּילעכל אין אַזאַ אומרויִקער שטאָט און נאָך מיט אַזאַ געאָגראַפישער לאַגע ווי וואַרשע. די אינסטרוקציעס פון דער העכערער היטלעריסטישער זיכערקייטס־מאַכט זענען דעריבער געגאַנגען אין דער ריכטונג צו מאַכן אַלע באַמיִונגען, דעם אויפשטאַנד צו לאָקאַליזירן. דעריבער זענען געוואָרפן געוואָרן קעגן די אויפשטענדלערס אַזעלכע גרויסע כוחות. נישט קיין קליינע הילף האָבן די ליקווידאַטאָרן גענאָסן פון דער פּאָזיציע פון דער אָנפירונג פון א"ק, וועלכע האָט אַלץ געטאָן אַז דער אויפשטאַנד זאָל זיך טאַקע נישט אַריבערכאַפּן אויף דער „אַרישער" זײַט, אַז ער זאָל ווערן לאָקאַליזירט און איזאָלירט.

כדי דורכצופירן די מלוכיש־פאַראַנטוואָרטלעכע „מיסיע" פון לאָקאַליזירן און דערשטיקן ווי צום שנעלסטן דעם האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד, אויף וועלכן די היטלעריסטישע מאַכטאָרגאַנען האָבן זיך געריכט — אָנגעלערנט פון די געשעענישן אין די חדשים יאַנואַר און מאַרץ, — האָבן הימלער און קריגער באַשלאָסן צו באַזײַטיקן דעם „שלימזל" זאַמערן, וועלכער האָט צוויי מאָל זיך געמוזט צוריקציִען פאַר די קעמפנדיקע יידן, און שיקן קיין וואַרשע אַ דערפאַרענעם און אויף אַלע אכזריותן דעצידירטן עס־עס־פירער. דער אויסוואַל איז געפאַלן אויפן 48יאָריקן עס־עס־בריגאַדע־פירער און פּאָליציי־גענעראַל יורגען סטראָאָפּ, אַ ליבלינג פונעם „רײַכספירער" פון עס־עס אַליין. יורגען סטראָאָפּ, אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ משפּחה פון אַלטע קייזערלעכע פּאָליציי־הינט, האָט זיך ביז אַפּריל 1943 געהאַט „אויסגעצייכנט" בײַם ליקווידירן דײַטשע קאָמוניסטן אין טעלמאַנס שטאָט האַמבורג, בײַם אויסראָטן מיט פײַער און שווערד די פּאַטריאָטישע באַוועגונג פון די טשעכן אינעם סודעטן־לאַנד, בײַם פּאַרטיליקן פיזיש אומאָפּהענגיקײַט־קעמפערס אין פּויזנער געגנט, בײַם באַקעמפן (דאָס מאָל מיט ווייניקער דערפאָלג) די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג אין אוקראַיִנע און צפון־קאַווקאַז, בײַם אַרויסהעלפן דעם בלוטיקן תלין פון די יידן פון גאַליציע, דעם גענעראַל קאַצמאַן, דורכצופירן אַ ריי ליקווידיר־אַקציעס. צו דעם דאָזיקן סטאַזש פון אַ פאַשיסטישן תלין לאָמיר נאָך צוגעבן די ספּעציעלע קורסן, וואָס סטראָאָפּ האָט אַדורכגעמאַכט אין בערלין, אין הימלערס רײַכס־זיכערקייטס־הויפּטאַמט, און חוץ דעם — די מיליטערישע דערפאַרונג, וואָס ער האָט געהאַט, אָנטיילנעמענדיק סײַ אין די מלחמה־אָפּעראַציעס בעת דעם ערשטן וועלטקריג, סײַ בעתן צווייטן אויפן מיזרח־פראָנט, וווּ ער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן.

צו הילף האָט סטראָאָפּ געהאַט נאָך צוויי גענעראַלן, וואָס ער

האָט געקענט אין יעדער רגע געניסן פון זייערע עצות. דאָס זענען געווען דער רײַכסוועד־גענעראַל ראָסום פון וואַרשע און דער פּאָליציי־גענעראַל אָדיל גלאָבאָצניק, וועלכער איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען פון לובלין קיין וואַרשע וועגן איבערנעמען די פאַבריקן און טייל אַרבעטשקלאַפן פון ליקווידירטן געטאָ און וועלכער איז געווען נישט ווייניקער ווי סטראָאָפּ געניט אין הלכות פעלקערמאָרד. הגם מען גיט איבער אַז גלאָבאָצניק זאָל זיך האָבן מיט סטראָאָפּן צעקריגט אַרום געוויסע קאָמפּעטענץ־ענינים און זיך צום סוף אַרויסגעצויגן פון פּלאַץ, איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן אַז פּאַקטיש — עס איז גיכער וואַרשיינלעך — האָט ער אויך געהאָלפן דעם הויפּט־ליקווידאַטאָר מיט „ראַט און טאַט”.

סטראָאָפּ האָט אין זײַן רשות געהאַט אויסגעשולטע אָפּיצירן, וועלכע האָבן אין זייער מערהייט געהאַט הינטער זיך אַ פראָנט־דערפאַרונג. אין זײַן ראַפּאָרט שטרײַכט סטראָאָפּ אונטער אַז זײַנע חיילות האָבן זיך אין משך פון עטלעכע וואָכן געאיבט און געגרייט צו דער אויפגאַבע פון ליקווידירן דאָס אויפגעשטאַנענע געטאָ. אַ גאַנצער שטאַב עס־עס־גדולים, פּאָליציי און געסטאַפּאָ־באַאַמטע, דײַטשע פאַבריקאַנטן אאַ״וו האָט זיך כסדר געפונען אין סטראָאָפּס נאָענטסטער סביבה. מען האָט אים געגעבן אָפּטיילונגען פון וואַפן־עס־עס, פון ווערמאַכט, פון די לאַגער־וועכטערס אין טראַווניק, פון דער פּוילישער פּאָליציי (אַ גענויע רשימה פון סטראָאָפּס חיילות וועט דער לייענער געפינען אין זײַן ראַפּאָרט, וואָס געפינט זיך צווישן די דאָקומענטן אין דעם דאָזיקן בוך). די באַוואָפענונג פון די ליקווידאַטאָרן איז געווען אַ מאָדערנע און אַן ערשטקלאַסיקע. אויטאָמאַטיש געווער, פּאַנצער־אויטאָס, טאַנקען, האַרמאַטן, פלאַמען־וואַרפערס, עראָפּלאַנען, גאַז — אַלץ איז געוואָרפן געוואָרן קעגן דעם הײַפל יידישע קעמפערס, וואָס זענען געווען כמעט אָן וואָפן, אָן אַ פאַכמעניש־מיליטערישער אָנפירונג, אַרומגערינגלט, אויסגעהונגערט, אויסגעמאַטערט, געשטאַנען אויפן קבר פון אייגענעם פאָלק. און דאָך האָט זיך דער אומגלײַכער קאַמף געענדיקט די ערשטע טעג מיט אַ פיזישער און מאָראַלישער מפּלה פון די היטלעריסטישע באַוואָפנטע קרעפטן, און דאָך האָבן די קאַמפן געדויערט — אין אַ פאַרשידענעם פאָרנעם — ביז יוני און ווײַטער.

די שלאַכטן האָבן זיך אָנגעהויבן אויפן יסוד פון די פּלענער וואָס זענען פון פריִער באַאַרבעט און צוגעגרייט געוואָרן בײַ ביידע קעמפנדיקע צדדים.

ווען גענעראַל סטראָאָפּ איז דעם 17טן אַפּריל אָנגעקומען קיין וואַרשע, האָט שוין עקסיסטירט אַ פּאַרטיקער פּלאַן פון אָנגריף אויפן געטאָ, באַאַרבעט דורך דעם ביזאַיצטיקן עס־עס־ און פּאָליציי־פירער פון וואַרשעווער דיסטריקט זאַמערן. עס איז נישט קלאָר באַוווּסט, צי סטראָאָפּ האָט תיכף געדאַרפט איבערנעמען די אָנפירונג אויף זאַמערנס אָרט, צי ער האָט אים נאָר געדאַרפט אַרויסהעלפן אין אַן עת צרה. אַלן פאַלס די אַקציע האָט אָנגעהויבן זאַמערן, וועלכער — ווי עס גיבן איבער עדות — האָט זיך דעמאָלט געפילט שלעכט, ער האָט געליטן אויף רעוומאַטיזם. אָבער מיר פאַרשטייען אַז דאָס איז געווען אַ תירוץ, אַז זײַן שלעכטער צושטאַנד האָט זיך מסתמא גענומען פון מורא, עס זאָלן זיך נישט איבערחזרן די געשעענישן פון די שטורמישע חדשים יאַנואַר און מאַרץ.

זאַמערנס פּלאַן האָט אויסגעזען לפי ערך אַזוי: אַרומרינגלען די געטאָ־מויערן, איבעררײַסן יעטוועדער קאָמוניקאַציע מיט דער „אַרישער” זײַט און דורכפירן אַ געוויינטלעכע בלאָקאַדע, אַ כאַפּערײַ („לאַפּאַנקע”) און אַ „פּאַציפיקאַציע”. דעריבער האָט זאַמערן דעם 19טן אַפּריל 6 אַ זייגער אין דער פרי גענומען אַרײַנפירן זײַנע חיילות אויף די הויפּט־אַרטעריעס פון געטאָ, אויף נאַלעווקעס און זאַמענהאָף־גאַס, דאָ אויסגעשטעלט די אָפּטיילונגען און געהאַט בדעה פון דאָרטן אָנצוהייבן די כאַפּערײַ און די שחיטה. איינציַיטיק האָט זאַמערן נישט רעזיגנירט אויך פון די פריִערדיקע מעטאָדן פון דיווערסיע און שווינדל און דורך די פאַבריקאַנטן וואַלטער טעבענס און ק. ג. שולץ און זייערע יידישע יוצר־משרתים ווײַטער געפּרוּווט אָנרעדן די יידן זיך צו שטעלן פרײַוויליק צום טראַנספּאָרט.

ווי מיר זעען, האָט זיך זאַמערנס טאַקטיק באַזירט אויף די אַלטע מעטאָדן, וועלכע זענען געווען דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע גוט באַקאַנט, און דעריבער האָט דער שטאַב פון די יידישע קעמפערס געקאָנט בײַ צײַטנס צוגרייטן אַ קעגנטאַקטיק, וואָס האָט פּאַראַליזירט זאַמערנס פּלאַן.

דער פּלאַן פונעם שטאַב פון די יידישע אויפשטענדלער האָט געמוזט נעמען אין אַכט נישט נאָר זאַמערנס עווענטועלן פּלאַן און נישט בלויז די נויטווענדיקייט אויסצומײַדן אַן אומגעריכטן אָנפאַל; דער אויפשטאַנדשטאַב האָט זיך געמוזט רעכענען קודם־כל מיט די באַדינגונגען פונעם געטאָ, מיטן ספּעציפישן פּלאַצדאַרם, מיט דער שמאָלקייט פון די גאַסן וכדומה. אמת, די שמאָלקייט פון די גאַסן האָבן געהאַט די מעלה, וואָס זי האָט אוממעגלעך געמאַכט, עס זאָלן קאָנען זיך לײַכט באַוועגן דעם שונאס טאַנקען; די ספּעציפישע באַדינגונגען פון אַ שטאָטראַיאָן האָבן באַשווערט די אַרבעט פון די ליקווידאַציע־אָפּטיילונגען, וואָס זענען געווען מער אײַנגעאיבט אין קאַמפן קעגן פּאַרטיזאַנערס אויפן פעלד, אויף וועגן, אין וועלדער. די אַלע מאָמענטן האָבן געקאָנט באַשווערן דעם שונאס אָפּטיילונגען צו מאַנעווּרירן. אָבער די זעלביקע מאָמענטן האָבן אויך פאַרמאָגט אַ חסרון פאַר די אויפשטענדלערס, ווײַל זיי האָבן נישט דערלויבט צו אַנטוויקלען אויף אַ לענגערער צײַט גאַסנקאַמפן, בפרט אַז דער שטאַב האָט געוווּסט אַז דער קעגנער איז בכוח אַרײַנצופירן אין קאַמף שווערע געווער און אפילו אַוויאַציע, וועלכע קאָנען צעשמעטערן יעטוועדער באַריקאַדע. דער אויפשטאַנדשטאַב האָט פאַרשטאַנען אַז עס זענען אַוועק די צײַטן פון אָפענע באַריקאַדע־קאַמפן; אַ באַריקאַדע קאָן שטיין פעסט קעגן ביקסן־ און מאַשין־געווער־פײַער, אָבער זי וועט נישט אויסהאַלטן דעם אָנגריף פון אַרטילעריע, ובפרט פון טאַנקען און באָמבאַרדירעראָפּלאַנען.

דעריבער האָט דער שטאַב פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין זײַן פּלאַן גענומען קודם־כל אין אַכט די שטיצפּונקטן אין גרויסע הײַזער אויף די ראָגן פון די גאַסן אין די ערטער וווּ דעם שונאס קאָלאָנעס וועלן אַרײַנמאַרשירן, למשל אויף ראָג נאַלעווקעס און גענשע, אויף ראָג זאַמענהאָף און מילע, אויף ראָג מוראַנאָוו און נאַלעווקעס אאַ״וו. איינצײַטיק מיט די דאָזיקע פּאָזיציעס איז אויסגעבויט געוואָרן אַ גאַנצע פאַרטיידיקונגס־סיסטעם אונטער דער ערד. בכלל דאַרף געזאָגט ווערן אַז אין משך פון לאַנגע חדשים האָט די געטאָ־באַפעלקערונג געבויט אונטערערדישע בונקערס. עס איז אונטער דער ערד אַנטשטאַנען אַ גאַנצע שטאָט. דאָ האָט זיך געדאַרפט באַהאַלטן די ציווילע באַפעלקערונג און אַזוי אַרום שטעלן אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד, נישט גיין צום טראַנספּאָרט. אין אָט דער אונטערערדישער שטאָט האָט די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע אויפגעשטעלט אויך אירע בונקערס, אירע באַזעס און אַרסענאַלן. די ריזיקע סיסטעם פון די אונטערערדישע בונקערס, דורכגענג און טונעלן, וואָס טייל פון זיי האָבן אויך געפירט צו

קאַנאַלן־אַרויסגענג אויף די „אַרישע" גאַסן, איז געווען די באַזע, דאָס הינטערלאַנד פון די אויפשטענדלערס.

אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אָט דער קאָמבינירונג פון אויף־דער־ערד־פּאָזיציעס און פון אונטער־דער־ערד־באַזעס, האָט דער אויפשטאַנדשטאַב פון פאָרויס אויפגעשטעלט אַ פּלאַן פון צוויי פאַזעס פון קאַמף: די ערשטע פאַזע פון קעמפן אויף דער ערד־אייבערפלאַך, פון אַטאַקעס פון דעכער, בוידעמס, הינטערן פענצטער, פון טויער וכדומה; און די צווייטע פאַזע — פּלוצעמדיקע אָנפאַלן אויפן שונא פון די אונטערערדישע באַפעסטיקונגען אַרויס, וועלכע ווערן אין די דאָקומענטן פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אָנגערופן — פּאַרטיזאַנישע טאַקטיק. ביידע פאַזעס האָבן איינגעשלאָסן אין זיך אויך בונקער־פאַרטיידיקונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך געדאַרפט און געקאָנט באַטייליקן נישט בלויז די רעגולערע ייִדישע קאַמפּסגרופּעס, נאָר אויך די ברייטערע מאַסע פון דער באַפעלקערונג. וואָרעם לאָמיר נישט פאַרגעסן אַז נישט יעדער האָט געהאַט די פולע מעגלעכקייט אַרײַנצוטרעטן אין דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. דאָס אַרײַנטרעטן אין „זשאָב" איז געווען פאַרבונדן קודם כּל מיט קאָשאַרירונג, מיט פולשטענדיקן איבעררײַסן מיט דער משפּחה. די וואָס האָבן אויף אַזאַ שריט נישט געקאָנט גיין און פון דעסט וועגן האָבן זיי געוואָלט קעמפן, האָבן זיך אָפט אָרגאַניזירט אין בונקער־גרופּעס. שכנים האָבן זיך צונויפגעלייגט געלט, אײַנגעקויפט אויף דער אייגענער האַנט געווער און אויסגעוויילט אָן אָנפירונג פון זייער גרופּע, בונקער, אָדער פאַךגעזינדל. אַזוי אַרום זענען אויפגעקומען אַ סך לויזע קאַמפּסגרופּעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער אײַנפלוס־ספערע פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, אָבער זענען נישט געווען מיט איר געבונדן אָרגאַניזאַציאָנעל. אָט דער אָנטייל פון די פאַרשידענע לויזע גרופּעס, וואָס געוויסע פון זיי זענען געווען אפילו צאָלמעסיק גענוג גרויס און נישט שלעכט באַוואָפנט, האָט שטענדיק אונטערגעשטראָכן דעם מאַסן־כאַראַקטער, דעם אַלפאָלקישן פאַרנעם פון דעם אויפשטאַנד. אָבער עס איז מער ווי פאַרשטענדלעך אַז אָן דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט סײַ אָנגעהויבן און אויסגעטראָגן די הויפּטלאַסט פון די קאַמפן, סײַ מיטגעריסן מיט איר בײַשפּיל די בונקער־גרופּעס, די לויזע גרופּעס, — אָן דעם, וואָלט קיין אויפשטאַנד נישט געווען.

די שלאַכט־טעטיקייט פון די לויזע גרופּעס פאַלט אויס ס'רוב אויף דער צײַט פון דער צווייטער פאַזע פונעם אויפשטאַנד.

עס איז געווען אויך אַ דריטע פאַזע — די צײַט פון די קאַמפן פון די אי"ג חורבות־גרופּעס, שוין בעת דער גסיסה פון די שלאַכטן, אָבער וועגן דעם וועט אויסקומען צו רעדן שפּעטער.

מיר ווייסן נישט גענוי, צי די אַלע כּוחות זענען פולשטענדיק גענומען געוואָרן אין אַכט אינעם סטראַטעגישן פּלאַן פון דעם „זשאָב"־שטאַב. איינס איז אָבער קלאָר: דער פּלאַן האָט גענומען אין באַטראַכט די קאָמבינירונג פון די אָנגריף־ און פאַרטיידיקונגפונקטן סײַ אויף דער ערד־אייבערפלאַך, סײַ אונטער דער ערד, און האָט געהאַט אין דער פּערספּעקטיוו סײַ לאַנגדויערנדיקע קאַמפן אין געטאָ גופא (בײַם באַדינג פון באַקומען גענוגנדיקע זאַפּאַסן געווער פון דער „אַרישער" זײַט), סײַ די מעגלעכקייט דערנאָך זיך אַרויסצורײַסן אויף אויסן, כּדי — נאָכן דערפילן דעם חוב אין געטאָ — קאָנטינויִרן דעם ווידערשטאַנד אין די רייען פון דער פּאָלקסגוואַרדיע אין וואַלד אָדער אויף אַנדערע פּלאַצדאַרמען.

דער שטאַב פון דעם אויפשטאַנד האָט נישט פּלאַנירט זײַן טעטיקייט ווי אַן איזאָלירטע דערשײַנונג. דער סטראַטעגישער פּלאַן איז קאָאָרדינירט געוואָרן מיט דער אָנפירונג פון דער פאָלקסגוואַרדיע. עס איז דאָ אַ גענוגנדיקער גרונד צו מיינען אַז די שפּעטערדיקע סאָלידאַרישע קאַמפּס־אַרויסטריטן פון די פּוילישע פּראָגרעסיוו־פּאַטריאָטישע גרופּעס זענען געווען, פון זייער זײַט, אויך קאָאָרדינירט מיט די קאָמאַנדירן פון די ייִדישע אויפשטענדלערס. אַזוי אַרום איז סײַ מצד די ייִדישע קעמפערס, סײַ מצד דער פאָלקסגוואַרדיע געווען דער בפירושער ווילן אַרויסצורופן אַ פײַער פון אַקטיוון באַוואָפנטן קאַמף אויך אין די פּוילישע ווויִנראַיאָנען. דער באָדן איז געווען דערצו אין אַ געוויסן זין רײַף, אָבער די פאַרברעכערישע טאַקטיק פון די אַמעריקאַניש־ענגלישע רעאַקציאָנערע קרײַזן, פון דער לאָנדאָן־אָריענטירטער דעלעגאַטור און פון דער א"ק־אָנפירונג האָט פּאַראַליזירט און צו נישט געמאַכט אָט די גלענצנדיקע מעגלעכקייט, האָט פאַרלאָשן דעם פּלאַם און דערמיט אויך צוגעיאָגט די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פונעם אויפשטאַנד אין געטאָ.

צוריקקערנדיק זיך צום סטראַטעגישן פּלאַן פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, דאַרף מען באַטאָנען אַז אַ דאַנק דעם פּלאַן איז דער ערשטער אָנגריף פון זאַמערנס אָפּטיילונגען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אָן אָפּענער מפּלה פון די אַרײַנדרונגענדיקע היטלעריסטישע חיילות, און דער טערמין פון דרײַ טעג, וועלכן דער דײַטשער פּאָליציייִשער שטאַב האָט באַשטימט מיט זעלבסטזיכערקייט אויף ליקווידירן דאָס געטאָ, האָט געפּלאַצט תּיכף דעם 19טן אַפּריל 6 אַ זייגער אין דער פרי.

אין אָט דער שעה האָט זאַמערן אַרײַנגעפירט זײַנע באַוואָפנטע כּוחות דורך דעם צענטראַלן טויער אויף נאַלעווקעס און זיי צעטיילט אין צוויי קאָלאָנעס. איין קאָלאָנע האָט זיך געדאַרפט פאַרהאַלטן אויף נאַלעווקעס מיטן ציל צוצוטרעטן צו בלאָקאַדעס פון הײַזער און צו כאַפּערײַ; דער צווייטער טייל איז אַרײַן אויף זאַמענהאָף־גאַס — אין שפּיץ זענען געפאָרן מאָטאָציקליסטן, צוויי טאַנקען און אַ פּאַנצער־אויטאָ, הינטער זיי — לאַסטאויטאָס מיט פוסגייער, און צום סאַמע סוף — אַמבולאַנסן פון רויטן קרייץ. מיט דער אַקציע האָט אָנגעפירט פּערזענלעך פּאָלקאָווניק זאַמערן מיטן אָנטייל פון די באַטאַליאָנען־קאָמאַנדירן אָבערשטורמפירער בעלוויד, הויפּטשטורמפירער פּלענק, פּאָליציי־מאַיאָר שטערנהאַגעל, פּאָליציי־קאַפּיטאַן ציזענים, שטאַבשעף יעזויִטער און שעף פון דער זיכערקייט־פּאָליציי ד"ר האַהן. דורך ספּעציעל אַראָפּגעבראַכטע מעגאַפאָנען האָט מען אויפגעפאָדערט די ייִדן אַרויסצוגיין פון די באַהעלטענישן און זיך שטעלן צום טראַנספּאָרט. אָבער אָנשטאָט אָנקוקן פרײַוויליקע ייִדן, זענען די היטלערישע חיילות אַטאַקירט געוואָרן אין צוויי ערטער — אויף ראָג נאַלעווקעס און גענשע און אויף זאַמענהאָף פאַר דעם יודענראַט־בנין (דאָרטן ווו עס שטייט אַצינד דער דענקמאָל) — מיט אַ האָגל פון קוילן, גראַנאַטן און אָנצינדפלעשער. ווי עס שטעלן פעסט סײַ דײַטשע, סײַ ייִדישע, סײַ פּוילישע עדי־ראיה, איז אויסגעבראָכן אין די דײַטשע רייען אַ פּאַניק, זיי זענען צוריקגעוואָרפן געוואָרן בכלל פון געטאָ.

דער פאַרלויף פון דער ערשטער שלאַכט אויף נאַלעווקעס איז געווען אַזאַ: די ייִדישע קאַמפּסגרופּעס אונטער דער אָנפירונג פון די קאָמאַנדירן זכריה אָרטשטיין, העניעק זילבערבערג און לייב ראָטבלאַט האָבן פאַרנומען די פּאָזיציעס בײַ די פענצטערס, אויף די באַלקאָנען און אין די בוידעמס פון די הײַזער נאַלעווקעס 31 און גענשע 2 (אויפן ראָג פון די גאַסן), נאַלעווקעס 33, 35 און 37 און אין דער פאַבריק פון דײַטש ברויער קעגן איבער (ראָג נאַ־

לעווקעס און פראנציסקאנער). די דייטשע קאלאנע, וואס איז אנגעקומען פון דער זייט פונעם געטא־טויער, האט פייערלעך געזונגען א מארש. די פלוצעמדיקע אטאקע פון די ייִדן איז געווען אזוי אומגעריכט און שטארק, אז די שונאים זענען זיך אין גאנצן צעלאפן, איבערלאזנדיק אויפן ברוק טויטע און פארווונדעטע. די ייִדישע קעמפערס זענען ארויסגעלאפן און נאכגעשאסן די אנטלויפנדיקע.

עס איז זיך לייכט פארצושטעלן די אומגעהערטע פרייד, וואס האט באהערשט די ייִדישע בחורים און מיידלעך.

די היטלערישע אפיצירן פון דער צעקלאפטער קאלאנע האבן דערווייל אליארמירט זאמערן אז זיי געפינען זיך אין א קלעם. עס איז תיכף אנגעקומען הילף. די דייטשן האבן זיך געלאזט אין אן אטאקע. זיי האבן אבער מורא געהאט זיך צו רוקן פארויס, נאר זענען געשטאנען מיט די פלייצעס אין אינעווייניקסטן געטא־טויער און באשאסן די אויפשטענדלערס, וועלכע האבן אבער געהאט א באקוועמערע פאזיציע — זיי זענען געשטאנען הינטער פענצטערס און אויף דעכער. די קעגנזייטיקע שיסעריי האט געדויערט קנאפע צוויי שעה. אין רעזולטאט זענען די דייטשן געווען געצווּנגען אפצוטרעטן. די אויפשטענדלערס זענען ארויס אויף דער גאס און צוגענומען די היטלעריסטישע פגרים די מונדירן, העלמען און געווער.

דער זייגער איז שוין געווען אכט.

קורץ נאך זעקס, דאס הייסט — א ביסל נאך דעם ווי עס איז אויסגעבראכן די שלאכט אויף נאלעווקעס, האט זיך אפגעשפילט א צווייטער קאמף אויף זאמענהאף אנטקעגן דער יודענראט־געביידע. פון דעם הויז זאמענהאף 37 איז זאמערנס צווייטע קאלאנע באשאסן געווארן דורך די ייִדן, און ווען די קאלאנע האט זיך, א דאנק די טאנקען וואס זענען געפארן פארויס, דורכגעריסן, זענען זיי ביים צונויפקום פון די גאסן מילע־זאמענהאף גענומען געווארן אין א פייער־קעסל. פיר ייִדישע קאמפסגרופעס, וואס האבן דא געלויערט אויפן שונא, אונטער דער אנפירונג פון די קאמאנדירן אהרון ברוסקין (פייוועל), לייב גרוזאלץ, מרדכי גראוואס און בערל ברוידע, האבן באווארפן די דייטשן מיט „מאלאטאוו־קאקטיילס" גראנאטן, קוילן און ווארשיינלעך אויך פון א מאשין־פיסטאלעט. א פעסטער שליידער האט געטראפן אין ערשטן טאנק, וועלכער איז תיכף ארומגענומען געווארן מיט פלאמען; די גאנצע מאנשאפט איז פארברענט געווארן לעבעדיקערהייט. די אנדערע צוויי טאנקען פארדרייען שנעל דעם דישל און ציִען זיך צוריק. די בהלה אין די רייען פון די עס־עס־לייט איז נישט צו באשרייבן. זיי לויפן און פארשטעקן זיך אין דערבייִקע טויערן און קראמענלעכער. יעדער פרווו ארויסצושטעקן דעם קאפ רופט ארויס א האגל פון קוילן מצד די אויפשטענדלערס, און ביי די לעצטע איז ששון ושמחה. אויפן ברוק וואלגערן זיך דערהרגעטע עס־עס־לייט און טראווניק־וועכטער און זייערע פארווונדעטע קאמעראדן, וואס שרייען מיט באנומענע קולות. אויף דער זייט פון די ייִדישע קעמפערס איז פאראן נישט מער ווי איין קרבן.

עס איז געווען קלאר — און דאס זענען מודה אלע דייטשע קוועלעס — אז די מפלה פון די היטלעריסטישע פאלקסמערדערס איז געווען א בולטע און א וויסטע. „זאמערן איז געווען — ווי עס גיט איבער סטראפ — אין גאנצן דערשלאגן און צעמישט. אין אזא צושטאנד האט ער זיך געמאלדן צו סטראפן, וואס האט זיך נאך געפונען אין האטעל, און א פארצווייפלטער געבעטן אן עצה. זאמערן האט לכתחילה געוואלט אליארמירן קראקע און פארלאנגען עראפלאנען צו באמבארדירן דאס געטא, וואס געפינט זיך אין גאנצן אין די הענט פון די אויפשטענדלערס". דער מער דערפארענער סטראפ איז נישט מסכים געווען אויף אזא אויסוועג, וואס וואלט, פארשטייט זיך, תיכף אנטבלויזט פאר דער גאנצער וועלט די אנמעכטיקייט און מפלה פון די דייטשן. ער האט תיכף באזייטיקט דעם פאלקאווניק זאמערן פון דער אנפירונג און איז אוועק אויפן שלאכטפעלד, איבערנעמענדיק ארום 8 א זייגער אין די אייגענע הענט די לייטונג, און אויפן ארט באארבעט א נייעם אנגריפ־פלאן. סטראפ האט פארשטאנען אז די אלטע כאפעריי־מעטאדן טויגן נישט אין דער נייער סיטואציע, האט ער דעריבער באשלאסן קום־כל ארייננעמען דאס גאנצע צענטראלע געטא אין צוואנגען דורך זיינע קאלאנעס, באהערשן די צוויי הויפט־ארטעריעס פון געטא (זאמענהאף און נאלעווקעס), צעטיילן און איבערגרופירן די אייגענע כוחות און ווארפן זיי אויף באזונדערע ייִדישע שטיצפונקטן און שטרעבן ארייינצושטויסן דעם ווידערשטאנד אויף אלץ שמעלערע ערטער, כדי דערנאך מיט איין קאנצערטרירטן זעץ צעקלאפן דעם קעגנער שטופנווייז. ווי ווידערשטאנד־פונקטן אויף לעשנע און די שכנותדיקע גאסן און אינעם בערשטער־געביט אויף שוויענטאיערסקע האט ער דערווייל געלאזט צו רו, טאקע כדי נישט צו צעברעקלען די אייגענע קרעפטן.

כדי צו ווייזן די אייגענע צעטומלטע און דערשראקענע אפיצירן און סאלדאטן א פערזענלעכן ביישפיל פון מוט, האט זיך סטראפ אוועקגעזעצט אויף א סלופ אונטער א בוים פאר דער געביידע פון יודענראט און דא ארויסגעגעבן די באפעלן, נישט געקוקט אויף די סווישטשענדיקע קוילן פון די פארטייעטע אויפשטענדלערס און אויף די תחנונים פון דער אייגענער סוויטע, ער זאל אוועקגיין פון געפערלעכן פלאץ. סטראפ האט אלץ איינגעארדנט אין א פראנט־סדר — א שטאב (אויף זשעלאזנע), א קאמענדאנט פון פלאץ, א ארדענונג פון טאג־טעגלעכע ראפארטן. ער האט געבעטן הילף ביי דעם רייכסווער־גארניזאן און, נאכן פארטרייבן מיטן כוח פון א פארשטארקטן פייער די ייִדישע קעמפערס פון זאמענהאף אנטקעגן דעם יודענראט־בנין, האט ער ארגאניזירט ארום 12 א זייגער א נייעם שטורעם־אנגריף אויף די ייִדישע קאמפס־פאזיציעס אויף נאלעווקעס. סטראפ טרעט אבער צו פארזיכטיקער צו דער אפעראציע ווי זיין פארגייער זאמערן. ער וויל מיט אלע כוחות געווונען די נאלעווקעס־ארטעריע. דעריבער פירט ער אריין זיינע כוחות פון צוויי ערטער: פון דער מערב־זייט פון גענשע־גאס און פון דער צפון־זייט פון מוראנאווער פלאץ (וווּ עס קומען שוין אויך פאר קאמפן ,וועגן וועלכן עס וועט באלד זיין א רייד). אנגעלערנטע פון פריִער, מארשירן שוין נישט די היטלעריסטישע חיילות אין א צונויפגעפרעסטער קאלאנע ,אין וועלכער עס קאנען לייכט טרעפן דעם קעגנערס קוילן, נאר אין טיראלערישן סדר, שארנדיק זיך ביי מויערן און טיילווייז הינטער דער דעקונג פון טאנקען. אויף עק פראנציסקאנער שטעלן אויף סטראפס מענטשן א באריקאדע פון מאטראצן, און אזוי ארום פאלט איצט דער פייער אויף די אויפשטענדלערישע פאזיציעס פון דריי זייטן. די לאגע פון די ייִדישע קעמפערס ווערט וואס ווייטער אלץ שווערער, בפרט אז עס גייט זיי אויס די אמוניציע, און דאס איינציקע געווער בלייבן די אנציינדפלעשער. נישט געקוקט אויף דעם, שטעלן זיי א הארטנעקיקן ווידערשטאנד, איבערטראגנדיק זיך פון בוידעם צו בוידעם. אין לויף פון אומגלייכן קאמף געלינגט זיי פון דעסט וועגן צו צעשטערן דעם שונאס באריקאדע. און ערשט ווען די דייטשן פארנעמען א באקוועמע באשיסונגס־פאזיציע אין די הייזער נומער 12 און 14 פון גענשע־גאס און זיי ציִען אריין אין קאמף עראפלאנען, ערשט דעמאלט זענען די ייִדישע קעמפערס

געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ און זיך צוריקציִען אויף הינער־גאַס (געוועזענע מײַזעלס־גאַס). פאַרן פאַרלאָזן די צעשטערטע פּאָזיציעס באַשליסן די אויפשטענדלערס חרוב צו מאַכן דעם גרויסן דײַטשן מאַגאַזין אויף נאַלעווקעס 33, ווו עס איז אָנגעזאַמלט אַ סך אָנגערויבטע האָב און גוטס פון ייִדן. דער מאַגאַזין ווערט געלאָזט מיטן רויך.

זעקס שעה האָט געדויערט דער קאַמף אויף נאַלעווקעס. דער שונא האָט געהאַט שווערע פאַרלוסטן. מצד די ייִדן זענען אויך געווען אַ סך קרבנות, צווישן אַנדערע זענען דאָ געפאַלן דער קאָמאַנדיר פון אַ פּפּ"רישער קאַמפּסגרופּע העניעק זילבערבערג און די העלדישע קעמפערין תמר.

סטראָאָפּ האָט גענומען אַ בלוטיקע נקמה פאַר דער מפּלה אויף נאַלעווקעס. אַרײַנרײַסנדיק זיך אין ייִדישן שפּיטאָל אויף גענשע 6, האָבן די דײַטשע פאַשיסטן דורכגעפירט אַ גרויליקן מאַסנמאָרד איבער די קראַנקע און מעדיצינישן פּערסאָנאַל. דער דאָזיקער פּערסאָנאַל האָט פריִער, בעת די קאַמפן, געגעבן אַ סך הילף די קעמפנדיקע ייִדישע גרופּעס.

אָבער מיט דעם האָט זיך נישט געענדיקט סטראָאָפּס צרות דעם ערשטן טאָג פונעם אויפשטאַנד. עס האָט שוין דעמאָלט געפלאַקערט אַ דריטער פּונקט פון קאַמף — אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ, עק נאַלעווקעס.

אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ האָבן זיך געפונען אין עטלעכע פּונקטן ייִדישע קאַמפּסגרופּעס. ווי עס דרינגט אַרויס הן פונעם באַריכט פון די ערשטע קאַמפן לויטן „זשעגאָטאָ"־ביולעטין, הן פון גביות עדות, האָבן אין די הײַזער און בונקערס פון מוראַנאָווער פּלאַץ די קעמפערס אַדורכגעפירט אין דער נאַכט פון 18טן אויפן 19טן אַפּריל אַ מין מאָביליזאַציע פון אַלע וואָס האָבן פאַרמאָגט עפּעס געווער. די ערשטע צוזאַמענשטויסן מיטן שונא האָבן זיך דאָ אָנגעהויבן, לויט אַלע שפּורן, באַלד אין דער פרי. די ייִדישע קאַמפּס־פּאָזיציעס אויף מוראַנאָוו, עק נאַלעווקעס, זענען געווען דער דריטער צענטראַלער שטיצפּונקט, וואָס אין איינעם מיט די פּאָזיציעס אויף נאַלעווקעס עק גענשע און אויף זאַמענהאָף האָבן זיי געשאַפן אַ מין קאַמפּס־גרייטן דרײַעק קעגן די אָפּטיילונגען פונעם שונא. הגם אויף מוראַנאָווער פּלאַץ זענען חוץ די גרופּעס פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויך געווען לויזע קאַמפּסגרופּעס, איז אָבער ערב די געשעענישן די געמיינזאַמע פּאַרטיידיקונג פון גאַנצן דרײַעק לויט אַלע וואָרשײַנלעכקייטן, ווי מען קאָן זיך משער זײַן פון געוויסע גביות עדות, קאָאָרדינירט געוואָרן. פון די צוזאַמענשטויסן, וואָס זענען אויסגעבראָכן באַלד אין דער פרי, איז באַקאַנט דאָס אַרײַנגאַרן דורך אַ קעמפער־גרופּע אין טויער אַרײַן פונעם הויז נאַלעווקעס עק מוראַנאָוו אַ צאָל „אַסקאַרן" 1) און דאָס אויסראָטן זיי ביז איינעם. אין גיכן איז אָנגעקומען אויפן

זעלביקן פּונקט, ווי עס גיבן איבער צוויי עדי־ראיה, אַ קאַמפּסגרופּע פון מילע־גאַס, און די דאָזיקע גרופּע האָט אויפגעהאַנגען אויפן הויכן הויז אויפן ראָג די ווײַס־רויטע פאָן פונעם אויפשטאַנד.

וואָס עס איז געשען אויף דעם דאָזיקן פּלאַצדאַרם ביז 4 אַ זייגער נאָך מיטאָג, איז אונדז נישט באַוווּסט. מען דאַרף זיך משער זײַן אַז סטראָאָפּס חיילות, וואָס זענען דורך דאַנען געגאַנגען לענגויס די נאַלעווקעס כדי צו אַטאַקירן צוזאַמען מיט אַנדערע אָפּטיילונגען די ייִדישע פּאָזיציע אויף נאַלעווקעס עק גענשע, זענען באַשאָסן געוואָרן דורך די ייִדישע קעמפערס פון מוראַנאָווער פּלאַץ, וועלכע האָבן פאַרנומען זייערע שיסּפּונקטן אויף די דעכער און בוידעמס.

אַרום פיר אַ זייגער, נאָך דעם ווי דער ווידערשטאַנד אויף נאַלעווקעס עק גענשע איז אײַנגעבראָכן געוואָרן, איז אַרײַן אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ דעם שונאס אַ גרעסערע קאָלאָנע אונטערן צודעק פון טאַנקען, און גענומען אַטאַקירן מיט פײַער די ייִדישע אָנשפּאַר־פּונקטן. סטראָאָפּ האָט אָבער אָנגעטראָפן דאָ אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד און האָט געמוזט קאָנצענטרירן אויף דעם אָרט אַ סך כוחות. די קאַמפן זענען דאָ געווען פאַרביסענע און לאַנגדויערנדיקע, ווי באַלד אַן עדות, וואָס האָט זיך אין דער זעלביקער צײַט געפונען אויף זאַמענהאָף־גאַס אויף אַ בוידעם, גיט איבער אַז ער האָט געזען ווי דער מוראַנאָווער פּלאַץ איז פול מיט עס־עס־לײַט, ווי זייערע גיכע־הילף־קאַרעטעס לויפן הין און צוריק, און ער האָט געהערט פון דאָרטן אַן אומאויפהערלעכע שטאַרקע קעגנזײַטיקע שיסערײַ. די אויפשטענדלערס האָבן דאָ אויך פאַרמאָגט אַ קוילן־וואַרפער, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ דאַך פונעם הויז מוראַנאָווסקע 7. אַ דאַנק אָט דעם קוילן־וואַרפער האָבן די אויפשטענדלערס געהאַלטן די דײַטשן אין שפּאַנונג ביז 8 אַ זייגער אין אָוונט. דער קוילן־וואַרפער האָט, ווי עס דריקט זיך אויס אַן עד־ראיה, דאָמינירט איבערן גאַנצן מוראַנאָווער פּלאַץ. די דײַטשן זענען, ווי עס דרינגט אַרויס פון סטראָאָפּס ראַפּאָרט צו קריגערן, עטלעכע מאָל געגאַנגען אין שטורעם־אָנגריף, זיי האָבן אָבער נישט געקאָנט אָנכאַפּן דעם קעגנער, וואָס האָט זיך פלינק איבערגעטראָגן דורך די דעכער און בוידעמס פון אָרט צו אָרט. אויפן דאַך האָבן געפלאַטערט די פאָנען פונעם אויפשטאַנד, וועלכע האָבן זייער שטאַרק אויפגערעגט דעם היטלעריסטישן גענעראַל, ווי ער שטרײַכט עס אונטער אין זײַן ראַפּאָרט.

מיטן צופאַלן פון דער נאַכט זענען די קאַמפן איבערגעריסן געוואָרן. די שלאַכט אויף מוראַנאָוו האָט סטראָאָפּ דעם ערשטן טאָג פונעם אויפשטאַנד פאַרשפּילט. ער וועט זי קאָנטיניִרן מיט מער פאַרביסנקייט אויף צו מאָרגנס.

דעם ערשטן טאָג פונעם אויפשטאַנד זענען פאָרגעקומען נישט בלויז שלאַכטן אויף דער ערד־אייבערפלאַך, נאָר אויך פאַרטיידיקונגען פון בונקערס, דורכגעפירט דורך אַ גאַנצער ריי לויזע קאַמפּסגרופּעס. סטראָאָפּ אַליין דערמאָנט גלײַך בײַם אָנהייב וועגן אַ האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אין די בונקערס. מיר ווייסן פון גביות עדות אַז אַזעלכע בונקער־פאַרטיידיקונגען האָבן דעם ערשטן אויפשטאַנדטאָג געהאַט אַן אָרט אויף שטשענשליווע־גאַס נומער 13, ווו עס זאָל האָבן אָנגעפירט מיטן ווידערשטאַנד דער קעמפער שמעון קויפמאַן; וועגן די געשעענישן אויף שטשענשליווע האָט דער עס־עס־מאַן פראַנץ קאָנראַד דערקלערט אויף זײַן פּראָצעס אין וואַרשע אַז די ייִדישע קעמפערס האָבן באַשאָסן די דײַטשן אויך פון בוידעמס. פאַרטיידיקט האָבן זיך אויך ייִדישע גרופּעס אין פאַרשידענע פּונקטן אויף ניסקע,

1) „אַסקאַרן" — לעטישע און אַנדערע פאַשיסטן, וואָס זענען ווערבירט געוואָרן דורך די היטלער־לײַט אין זייערע א"ג פרעמדפעלקערישע פאָרמאַציעס צו הילף דער עס־עס בײַם באַקעמפן פּאַרטיזאַנערס, בײַם היטן אַרבעט־ און טויט־לאַגערן, אין די פאַרניכטונג־קאָמאַנדעס קעגן ייִדן און אַנדערע פעלקער אא"וו. דאָס וואָרט „אַסקאַרן" איז צום ערשטן מאָל באַנוצט געוואָרן אין די דײַטשע און פראַנצויזישע קאָלאָניעס אין אַפריקע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה; דאָס זענען געווען אָרטיקע הילף־פּאָליציי־אָפּטיילונגען. „אַסקאַר" אויף טערקיש און אַראַביש באַטײַט: סאָלדאַט.

סמאָטשע, סטאַווקע און לובעצקע־גאַס. די דאָזיקע ידיעות ווערן אויך געבראַכט דורך דער פּוילישער אונטערערדישער פּרעסע און זיי זענען באַשטעטיקט געוואָרן דורך עדות אויפֿן דערמאָנטן וואַרשעווער פּראָצעס קעגן סטראָאָפּ און קאָנראַד. אויף סטאַווקע האָט זיך אין אַ פֿאַבריק געפֿונען אין יענער צײַט דער סעקרעטאַר פֿון פּפּ״ר אין געטאָ, אפֿרים פֿאָנדראַמינסקי און זײַן פֿרוי, די קעמפֿערין ליבע (ליובאַ, אַליאַ), וואָס זענען געשטאַנען אין שפּיץ פֿון די פּאַרטיידיקונגס־קאַמפֿן.

אויף די אַלע באַוואָפֿנטע אַרויסטריטן פֿון די יִדישע קאַמפֿס־גרופּעס האָבן די פֿאַשיסטישע פֿעלקערמערדערס געענטפֿערט מיט אַן אכזריותדיקער מאַסן־רציחה איבער דער ציווילער באַפֿעלקערונג. די צעיושעטע געיעגן נאָך יִדן און דאָס אויפֿדעקן אַ רײ בונקערס האָבן געבראַכט גאַנץ שווערע רעזולטאַטן אין הינזיכט פֿון כאַפּן מענטשן לעבעדיקערהייט צום טראַנספּאָרט. עס האָבן נישט געהאָלפֿן די בעסטיאַלישע הריגות, בעת וועלכע עס זענען געפֿאַלן אויך אַ סך פֿאַליאַקן, וואָס האָבן זיך צופֿעליק, דעם ערשטן טאָג, געפֿונען אין געטאָ, בתוכם אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אין די געטאָ־פֿאַבריקן. אויסנוצנדיק די בהלה וואָס איז אויסגעבראָכן בײַם אָנהייב פֿון די קאַמפֿן, האָבן אַ סך יִדן זיך געלאָזט צו די אונטערערדישע קאַנאַלן, כּדי זיך אַרויסצובאַקומען אויף דער „אַרישער״ זײַט. ווי נאָר סטראָאָפּ האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט ער געהייסן פֿאַרגיסן די קאַנאַלן און אַזוי אַרום אומברענגען די מענטשן וואָס האָבן געזוכט אַ רעטונג.

ווען עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט, האָבן די דײַטשע כּוחות זיך צוריקגעצויגן פֿון געטאָ — בלײַבן אין דער פֿינצטערניש אויג אויף אויג מיטן דרייסטן, אויף אַלעם גרייטן קעגנער האָבן זיי מורא געהאַט. איז טאַקע די נאַכט אויסגענוצט געוואָרן דורך די אויפֿשטענדלערס, וועלכע האָבן איבערגרופּירט די כּוחות און אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען. זיי האָבן אָבער נישט גערוט. בײַ נאַכט זענען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן פֿרישע פֿענער און פּלאַקאַטן מיט אויפֿשריפֿטן: „מיר קעמפֿן ביזן סוף!״

דער קאַמפֿסגײַסט האָט קיינעם נישט אָפּגעלאָזט. אין די בונקערס פֿון די באַוואָפֿנטע גרופּעס האָט מען געזונגען אַ ליד וועגן סטאַלינגראַד און געטאָגראַד, וואָס איז געווען פּאָפּולער אין געטאָ־אונטערערד.

דער רושם פֿון אויסבראָך פֿונעם אויפֿשטאַנד איז געווען אַ מעכטיקער. צום שטאַרקסטן האָט עס געווירקט אויף דער מאַסע פֿון די געטאָ־אסורים גופֿא. כּמעט אַלע געפֿילן אָן אויסנאַם זענען געווען אויף דער זײַט פֿון די קעמפֿערס.

אויך אויף דרויסן פֿונעם געטאָ־מויער איז דער אײַנדרוק געווען אַן אומבאַשרײַבלעכער. מען האָט איבערגעגעבן פֿון מויל צו מויל וועגן העלדישע מיידלעך וואָס האָבן זיך אַרומגעבונדן מיט גראַנאַטן און זיך געוואָרפֿן אויף טאַנקען און זענען אויפֿגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיט זיי; וועגן קעמפֿערינס וואָס שלײַדערן פֿון הויכע ערטער גראַנאַטן אין די עס־עס־לײַט און ווערן תּיכּף אומבאַשעדיקטע נעלם; וועגן גאַנצע גרופּעס יִדן וועלכע פֿאַלן אַרויס פֿון קאַנאַלן־עפֿענונגען, אַטאַקירן די דײַטשן און ציִען זיך בליץ־שנעל צוריק; וועגן קינדער וואָס וואַרפֿן אין דעם שונאס פּאַנצער־וואָגנס אָנצינדפֿלעשער. און מען האָט געוווּסט דער עיקר אָט וואָס: די דײַטשן זענען אַנטלאָפֿן פֿאַר די יִדישע אויפֿשטענדלערס, איבערלאָזנדיק זייערע אייגענע הרוגים אויפֿן ברוק, און די געטאָ־קעמפֿערס האָבן געהאַט אַ סך ווייניקער אייגענע קרבנות. און נאָך איין זאַך האָט מען געוווּסט: דער פּלאַן אַרויסצופֿירן די יִדן אַזוי ווי אַ מאָל האָט געפּלאַצט.

דער אויפֿשטאַנד איז געוואָרן אַ פֿאַקט. די טרוימען פֿון דער ווידערשטאַנד־לעכצנדיקער יִדישער יוגנט זענען, ווי דאָס האָט עס אויסגעדריקט אין זײַן בריוו פֿון 23טן אַפּריל 1943 דער שטאַב־קאָמענדאַנט, מקוים געוואָרן.

— 5 —

## די שלאַכטן פֿון 20טן ביזן 24טן אַפּריל

אויפֿן צווייטן טאָג, דעם 20טן אַפּריל, האָט זיך דער אויפֿשטאַנד אויסגעברייטערט. אויב דעם ערשטן טאָג האָבן די קאַמפֿן אַרומגענומען נאָר אַ טייל פֿון צענטראַלן געטאָ — די גאַסן וואָס זענען אויסגערעכנט געוואָרן אין פֿריִערדיקן קאַפּיטל — און אויף אַלע אַנדערע געביטן האָט געהאַט אָן אָרט אַן אַלגעמיינער פּאַסיווער ווידערשטאַנד און אין די קאַמפֿסרייען האָט געהערשט אַ גרייטקייט־ און אַלאַרם־צושטאַנד, האָבן שוין דעם צווייטן טאָג די שלאַכטן אַרומגעכאַפּט אַ ברייטערן שטח, דאָס הייסט — אויך דאָס געביט פֿון דער באַרשטן־פֿאַבריק אין דעם פּירעק שווענטאָיערסקע־וואָלאָווע־פֿראַנציסקאַנער און די ווײַטער ליגנדיקע ערטער — די גאַסן לעשנע, נאָוואָליפּיע, סמאָטשע און די שכנותדיקע, וואָס האָבן געשאַפֿן דאָס אַ״ג פּראָדוקטיווע געטאָ, אָדער, ווי מען האָט עס פּאָפּולער אָנגערופֿן, דאָס געביט פֿון די שאָפּן.

דער שונא, אָנגעלערנט פֿון דעם ערשטן טאָג, האָט פֿאַרשטאַרקט די באַלאַגערונג און די קראַפֿט פֿון זײַן פֿײַער. דאָס געטאָ איז אַרומגערינגלט געוואָרן נישט בלויז מיט נעסטן פֿון שווערע קוילן־וואַרפֿערס, נאָר אויך מיט לײַכטער פֿעלד־אַרטילעריע. די באַטעריעס זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן פֿון צוויי זײַטן: אויפֿן קראַשינסקי־פּלאַץ בײַ דער נאָווינאַרסקע און אַנטקעגן דער באָניפֿראַטן־גאַס.

די קאַמפֿן זענען קאָנטינויִרט געוואָרן אויפֿן מוראַנאָווער פּלאַץ. קאַמפֿן זענען אויך פֿאָרגעקומען אויף סאַפּיעזשינסקע און אויף מילע־גאַס. די שטאַרקסטע שלאַכט האָט זיך אָפּגעשפּילט אויפֿן בערשטער־געביט. די דײַטשן זענען אַטאַקירט געוואָרן אויך אויף די גאַסן לעשנע, נאָוואָליפּיע און סמאָטשע. איינע פֿון די וויכטיקסטע געשעענישן דעם 20טן אַפּריל איז געווען דער אָנגריף אויף דער צווייטער זײַט פֿונעם געטאָ־מויער, וואָס איז דורכגעפֿירט געוואָרן דורך דער ברידערלעכער פֿאָלקסגוואַרדיע, דורך די פּוילישע אַנטיפֿאַשיסטישע ווידערשטענדלערס אונטער דער אָנפֿירונג פֿון פּפּ״ר.

די אַלע קאַמפֿן האָבן זיך אײַנגעגעבן אינעם זכּרון פֿון דעם הויפּט־ליקווידאַטאָר עס־עס־גענעראַל סטראָאָפּ און פֿון אַנדערע מיטבאַטייליקטע און עדות פֿון דעם אומגלײַכן פֿאַרמעסט.

די יִדישע פּאָזיציע אויפֿן מוראַנאָווער פּלאַץ, וואָס איר הויפּטפּונקט האָט זיך געפֿונען אין דעם הײַזערבלאָק נומערן זיבן און נײַן, האָט געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט פּוילישע פֿאַרבינדעטע פֿון דער „אַרישער״ זײַט נישט בלויז פֿאַרן אויפֿשטאַנד, נאָר אויך אין סאַמע פֿלאַקער פֿון די קאַמפֿן. אַ דאַנק דעם אונטערערדישן טונעל, וועלכער האָט פֿאַראייניקט דעם בונקער פֿון מוראַנאָוו 7 מיט אַ קעלער פֿון הויז נומער 6, וואָס איז שוין געלעגן אויף דער צווייטער „פֿרײַער״ זײַט פֿון געטאָ, האָבן די יִדישע קעמפֿערס אין דער צײַט פֿון די שלאַכטן באַקומען אַפֿילו אַ פֿרישן טראַנספּאָרט געווער.

די אָנגריפן פון סטראָאָפּס חיילות זענען דאָ עטלעכע מאָל געוואָרן צוריקגעשטויסן. די דײַטשן האָבן זיך באַמיט צו דעראָבערן די אויפשטאַנדפענער, וואָס האָבן געפלאַטערט אויפן דאַך, און דאָס איז זיי לאַנג נישט געלונגען. צווישן די געפאַלענע היטלער־לײַט אויף דעם אָפּשניט איז געווען אַן אָפיציר, דער אונטערשטורמפירער דעהמקע. אויך די אויפשטענדלערס האָבן געהאַט פאַרלוסטן, בתוכם דעם קעמפער לייב ראָדאַל, וואָס איז געפאַלן פאַרטיידיקנדיק די פאָן.

פאַרן פאַרלירן אַ געטרײַען פאַשיסט ווי דעהמקע האָט סטראָאָפּ גענומען אַ בלוטיקע נקמה: ער האָט באַפוילן צו דערשיסן עטלעכע הונדערט צופעליק געכאַפּטע אומשולדיקע ייִדן.

אונטערן דרוק פון שטײַגנדיקן פײַער פונעם שונא האָט איין גרופּע פון די מוראַנאָווער פאַרטיידיקערס זיך צוריקגעצויגן דורכן דערמאָנטן טונעל, מיטנעמענדיק מיט זיך ראָדאַלס טויטן קערפּער. די גרופּע איז אַרויס מיט דער הילף פון די פּוילישע פאַרבינדעטע (עס דערמאָנט וועגן זיי סטראָאָפּ אין זײַן ראַפּאָרט) — אויפן וועג פון דער אָטוואָצקער ליניע. אין צוויי טעג אַרום, דעם 22סטן אַפּריל, זענען זיי אין אַ פאַרבאַריקאַדירטער ווילע אַטאַקירט געוואָרן — ווי עס טײַלט מיט אַ מעלדונג פון דער הינטערוואַרשעווער זשאַנדאַרמעריע פון 23טן אַפּריל — דורך דײַטשער זשאַנדאַרמעריע און פּוילישער פּאָליציי. די קעמפערס, שרעקלעך אויסגעמאַטערטע און אָפּגייענדיקע אין בלוט מחמת די ווונדן פון די קאַמפן אין געטאָ, האָבן שוין נישט געקאָנט לאַנג זיך האַלטן. זיי האָבן זיך געפּרוווט דורכרײַסן, זיי זענען אָבער געוואָרן אַרומגערינגלט און אויסגעראָטן.

אַ צווייטע גרופּע פון מוראַנאָוו 7—9 איז דעם 21טן אַפּריל אויך אַרויס דורכן טונעל, אָבער זי איז אינעם הויז מוראַנאָוו 6, וווּ זי האָט זיך לעת עתה פאַרהאַלטן, אויסגעגעבן געוואָרן דורך אַ מוסר, אַ מיטגליד פון דעם פאַשיסטישן „מיעטש אי פּלוג" („שווערד און סאָכע"). די ייִדישע גרופּע איז אויסגעראָטן געוואָרן דורך דער אַרויסגערופענער היטלעריסטישער אָפּטײלונג.

דאָס האָט שוין, ווי געזאָגט, פּאַסירט אויף צו מאָרגנס, דעם 21טן אַפּריל. לאָמיר זיך אָבער אומקערן צום ווײַטערדיקן לויף פון די געשעענישן. דעם צווייטן טאָג פונעם אויפשטאַנד, דעם 20טן אַפּריל.

נישט ווײַט פון מוראַנאָווער פּלאַץ געפינט זיך די סאַפּיעזשינסקע־גאַס, וועלכע איז געווען אָפּגעשניטן פון די איזאָלירטע ייִדישע גאַסן מיט אַ טייל פונעם אַרומיקן געטאָ־מויער. הינטערן מויער זענען געשטאַנען די באַלאַגערנדיקע כוחות פון עס־עס, טראַווניק־וועכטער, „גראַנאַטאָווע" פּאָליציי. אין אָט דעם אָרט זענען די היטלעריסטן אַטאַקירט געוואָרן. ווי עס דרינגט אַרויס פון דעם קאָמוניקאַט נומער דרײַ פון דער „זשאָב"־פאָרשטייערשאַפט אויף דער „אַרישער" זײַט, האָט זיך אַ גרופּע ייִדישע קעמפערס אַרויפגעכאַפּט אויפן געטאָ־מויער בײַם ראָג פון סאַפּיעזשינסקע־גאַס און באַוואָרפן די באַלאַגערנדיקע פאַשיסטן מיט גראַנאַטן; עטלעכע עס־עס־לײַט, זשאַנדאַרן און פּוילישע פּאָליציאַנטן זענען, ווי עס טײַלט מיט דער דאָזיקער קאָמוניקאַט, געפאַלן מיט צעריסענע אבֿרים אויפן אָרט. די זעלביקע ידיעה ווערט באַשטעטיקט אויך דורך דעם ביולעטין פון „זשעגאָטאַ". אין דער זעלביקער צײַט זענען, ווײַזט אויס, די דײַטשן אַטאַקירט געוואָרן אויפן סאַפּיעזשינסקער אָפּשניט אויך דורך אַ פּוילישער קאַמפּסגרופּע. גענוי וועט וועגן דעם זײַן אַ רייד אַ ביסל ווײַטער.

אויף דער מערבֿ־זײַט פון מוראַנאָווער פּלאַץ און מער צום צפון פון סאַפּיעזשינסקע איז געלעגן די מילע־גאַס, וווּ עס זענען לפי ערך אין דער זעלביקער צײַט אויסגעבראָכן קאַמפן, וועגן וועלכע מיר ווייסן נאָר אַז זיי זענען פאָרגעקומען דעם 20טן נאָך מיטאָג, אָבער מיר קענען נישט לײדער זייער פאַרלויף. עס איז זיך משער צו זײַן אַז דאָרטן האָבן געהאַט אַן אָרט פאַרביסענע באַוואָפנטע פאַרטיידיקונגען פון די בונקערס. צו קיין פּאָזיציע־קאַמפן, ווי אויף מוראַנאָוו און אויפן בערשטער־געביט (וועגן דעם וועלן מיר באַלד אינפאָרמירן), וווּ עס זענען געווען הויכע און שטאַרקע בעטאָנהײַזער, האָט אויף מילע נישט געקאָנט קומען, ווײַל די געבײַדעס זענען דאָ געווען שוואַכערע. אָבער די מילע־גאַס, די גאַס פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט און אָרעמקייט, איז געווען די הויפּטבאַזע פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. דאָ האָבן זיך געפונען די וויכטיקסטע באַפעסטיקטע בונקערס פון די אויפשטענדלערס און דער צענטער פון זייער אָנפירונג. נישט קיין ווונדער, דעריבער, וואָס דער אָנגריף פונעם שונא אויף די בונקערס פון מילע־גאַס האָט זיך תיכף אָנגעטראָפן אויף אַ דעצידירטן ווידערשטאַנד. איבערן הויז פון איינעם פון די קעמפנדיקע בונקערס פון דער גאַס, אָדער פאַרן קעלער פונעם בונקער, איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן אַ רויטע פאָן. דאָס דעראָבערן די דאָזיקע פאָן, וואָס האָט אין סטראָאָפּס אויגן אויסגעזען ווי אַ לעסטערונג און אַ חוצפּהדיקער אַרויסרוף, 1) האָט, ווײַזט אויס, געקאָסט די דײַטשן אַ סך מי און קרבנות, וואָרעם דער דאָזיקער בלוטיקער עס־עס־ און פּאָליציי־פירער האָט זיך אויף צו מאָרגנס שטאַרק גערימט פאַר דעם צווייטן היטלעריסטישן תלין אַדיל גלאָבאָצניק מיט אָט דעם מלחמה־טראָפּיי (ווי עס שטעלט פעסט אַן עד־ראיה, וואָס איז געווען בעתן שמועס סטראָאָפּ־גלאָבאָצניק, דער פּוילישער פאַבריקאַנט קודאַשעוויטש).

ווי עס דרינגט אַרויס פון סטראָאָפּס ראַפּאָרט, האָט ער געהאַט דעם 20טן אַפּריל צו טאָן מיט נײַן בונקערס, וווּ ער האָט געמוזט ברעכן מיט כוח און גרויס אָנשטרענגונג דעם ווידערשטאַנד פון די ייִדן.

מען דאַרף אָננעמען אַז די דאָזיקע בונקער־פאַרטיידיקונגען האָבן געהאַט אַן אָרט אויף מילע און אין די שכנותדיקע געסלעך. לויט אַלע וואָרשײַנלעכקייטן האָבן דאָ מיט די קאַמפן אָנגעפירט די קאָמאַנדירן אַניעלעוויטש, ראָזענפעלד, בריסקין, ברוידאָ, גרוזאַלץ, גראָוועד און אַנדערע.

אָבער די שטאַרקסטע שלאַכט אויפן שטח פון א"ג צענטראַלן געטאָ, דעם 20טן אַפּריל, האָט זיך פאַרקניפּט אין דער גוט־באַפעסטיקטער בערשטער־פאַבריק.

אויף דעם דאָזיקן געביט, וואָס ווערט אין די דײַטשע דאָקומענטן אָנגערופן „הערעס־אונטערקונפט־פאַרוואַלטונג" (פאַרוואַלטונג פון דער מיליטערישער אינטענדאַנטור) און וווּ עס האָט זיך געפונען דער עיקר אַ פּראָלעטאַרישער עלעמענט, האָט געוואָרט אין פולער אַליאַרם־גרייטקייט אַ גרעסערע פאַראייניקונג פון גרופּעס פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע: די קאַמפּסגרופּעס פון מאַרעק עדעלמאַן, יורעק גרינשפּאַן, הערש בערלינסקי, הענעך גוטמאַן, יורעק בלאָנעס, יעקבֿ פּראַשקער. עס זענען אין פאַרשיידענע פּונקטן פון דעם ריזיקן בלאָק־פירעק און אין באַפעסטיקטע בונקערס אויך געווען אַ רייע לויזע קאַמפּסגרופּעס, ס'רובֿ פון מעטאַל־ און טראַנספּאָרט־אַרבעטער. פון צווישן די אַקטיווע טוערס פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָבן זיך דאָרט געפונען שרה

1) אַזוי לפי ערך דריקט זיך אויס סטראָאָפּ אין זײַן ראַפּאָרט וועגן די אויפשטאַנדפענער אויף דעם מוראַנאָווער פּלאַץ.

זשאַגעל, מירסקי, אַבראַשע בלום, בערעק שנײַדמיל א״אַ. די פּאַרטיידיקונג איז דאָ געווען גוט אָרגאַניזירט. מיט דער ציווילער באַפעלקערונג זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן באַלד דעם ערשטן טאָג פון אויפשטאַנד באַראַטונגען און פלוגמיטינגען. עס זענען אויך, ווי עס דרינגט אַרויס פון דעם וואָס עס דערציילן פּוילישע עדות — ס׳רוב פּפּ״ר־חברים — בקול רם געוואָרנט געוואָרן די דורכגייערס פון דער אויסערלעכער זײַט, אַז באַלד וועט דאָ אויסברעכן אַ קאַמף. אויך דאָ איז — ווי עס גיבן איבער פּוילישע אונטערערדישע כראָניקערס — געוואָרן אַרויסגעהאַנגען אַ רויטע פאָן.

אויפן פּלעצל פאַרן טויער פון די בלאָקן האָבן די אויפשטענדלערס אונטערגעלייגט אַ מינע.

סטראָאָפּ האָט זיך, אפנים, שטאַרק גערעכנט מיט אָט דער יידישער פּאָזיציע, וואָרעם ער האָט אַליין אויפן אָרט געקערעוועט מיט די קאָנקרעטע אָנגריף־אָפּעראַציעס. נאַטירלעך, האָט ער זיך באַוועגט אונטער דער שוץ פון אַ שטאַרקער שמירה, מורא האָבנדיק פאַר די יידישע קוילן. קעגן דעם בערשטער־געביט האָט דער עס־עס־גענעראַל אַרויסגעשטעלט אַן אָפּטיילונג פון 300 ערשטקלאַסיקע באַוואָפנטע מענער און אויך די דערמאָנטע לײַכט־אַרטילערישע באַטעריע, וואָס איז געשטאַנען אויפן קראַשינסקי־פּלאַץ בײַ דער נאַוויניאַרסקע־גאַס.

די ערשטע אַטאַקע פון די דײַטשן איז פאָרגעקומען אַרום דרײַ אַ זייגער. די אויפשטענדלערס האָבן אָנגעווענדט אַ קלוגע טאַקטיק. זיי האָבן צוגעלאָזט דעם שונא ביזן טויער פון די בלאָקן און אײַנגעשלאָסן דעם עלעקטרישן שטראָם — די מינע האָט אויפגעריסן. צוויי און צוואַנציק פײַנדלעכע זעלנערס זענען געפאַלן מיט צעריסענע און צעפליקטע אברים. אַזוי גיט איבער די גוט אינפאָרמירטע פּפּ״רישע צײַטשריפט „טריבונאַ וואָלנאָשטשי״. סטראָאָפּ באַמיט זיך אין זײַן ראַפּאָרט צו פאַרקלענערן די צאָל פון זײַנע פאַרלוסטן. אָבער די גאַנצע פּוילישע אונטערערדישע פּרעסע און אויך די יידישע עדי־ראיה גיבן אָן ציפערן ענלעכע, אָדער נאָך גרעסערע ווי די „טריבונאַ וואָלנאָשטשי״.

די פּאַניק אין די רייען פון די דײַטשן איז געווען נישט צו באַשרײַבן. זיי זענען געלאָפן ווי משוגע, איבערלאָזנדיק אויפן פּלאַץ די אייגענע קאַמעראַדן, וועלכע האָבן געמאַכט גרויסע געוואַלדן. ערשט אין צוויי שעה אַרום איז סטראָאָפּן געלונגען צו באַהערשן די לאַגע אין די אייגענע רייען און צו אָרגאַניזירן אַ צווייטן אָנגריף. דער שונא האָט זיך איצט גערוקט פאָרויס צעוואָרפענערהייט, איינער הינטער דעם צווייטן, האַלטנדיק זיך בײַ די זײַטיקע מויערן. די אויפשטענדלערס, פאַרשטעקט אין מער באַקוועמע פּאָזיציעס, הינטער פענצטער, אויף בוידעמס, האָבן מכבד געווען די פאַשיסטן מיט גראַנאַטן און „מאָלאָטאָוו־קאָקטיילס״. די דײַטשן מוזן זיך ווידער צוריקציִען, איבערלאָזנדיק דאָס מאָל אויפן שלאַכטפעלד וויניקער פּגרים ווי פריִער.

בעת דער דאָזיקער העלדישער פאַרטיידיקונג פון דער בערשטער־פאַבריק האָבן זיך אויסגעצייכנט אַ סך יידישע קעמפערס. איינע פון די סאַמע מסירת־נפשדיקע קעמפערינס פון יורעק גרינשפּאַנס קאַמפסגרופּע רעניע ניעמיעצקאַ איז געפאַלן אין שלאַכט. נישט אָפּטרעטנדיק ביזן לעצטן מאָמענט פונעם געווער איז געפאַלן אויפן פּאָסטן, קעמפנדיק אויפן בוידעם, דער העלדישער קעמפער מיכאַל קלעפּפיש. באַזונדער האָט זיך אויסגעצייכנט איינער פון די יינגסטע מיטגלידער פון „זשאָב״ שנאָן לענט. צו די בעסטע שיסערס האָט געהערט דער יונגיטשקער שליאָמקע שוסטער. אַלע האָבן אויסגעפירט זייער חוב מיט דער גרעסטער מסירת־נפש. דאָס אַלץ האָט געגעבן אַ גרונט דעם „גוואַרדזשיסטאַ״ נומער 18 פון 25טן מײַ 1943, בײַם מאַכן אַ סך־הכל פון די בײַזדעמאָלטיקע קאַמפן צו שרײַבן: „אויפן געביט פון די בערשטער (שוויענטאָיערסקע־פראַנציסקאַנער) זענען די קאַמפן געווען באַזונדער פאַרביסן. איין קאַמפסגרופּע האָט אײַנגעהאַלטן אַ געוויסע פּאָזיציע אין משך פון גאַנצן טאָג, נישט לאָזנדיק דעם שונאס אָפּטיילונגען אַדורכגיין״.

אַזוי אַרום האָבן די אויפשטענדלערס אָפּגעשטויסן די שטאַרקע אַטאַקע פון סטראָאָפּס חיילות אויפן דערמאָנטן באַפעסטיקטן פּירעק.

און איצט איז געשען אַ ממש אומגלייבלעכע זאַך: די דײַטשן שיקן אַרויס צו די יידן פּאַרלאַמענטאַריער מיט ווײַסע בענדער — ליגן פאַר אַ וואָפן־שטילשטאַנד אויף אַ פערטל שעה, כדי צו באַגראָבן די טויטע! די אויפשטענדלערס וואַרפן אָפּ דעם פאָרליג, זיי ווילן נישט פירן מיט די פעלקערמערדערס קיין שום אונטערהאַנדלונגען. די דײַטשן פּרוּוון מזל דורך אַרײַנרײַסן זיך פון דער צווייטער זײַט, פון פראַנציסקאַנער־גאַס, אָבער אויך דאָ ווערן זיי אָפּגעשטויסן. דעמאָלט באַשליסן זיי אָנצוווענדן שטאַרקער ווי פריִער די אַרטילערישע באַשיסונג. אַרום 6—5 אַ זייגער הייבט זיך אָן אַ הוראַגאַן־באָמבאַרדירונג, וועלכע טרייסלט אויף די לופט אויף אַ מהלך פון צענדליקער קילאָמעטער. דרײַ האַרמאַטן — זאָגט אין זײַן ראַפּאָרט סטראָאָפּ — האָבן אָנטייל גענומען אין דער אַקציע. דער פּאָזיציע פון די אויפשטענדלערס אויפן בערשטער־געביט האָט געדראָט אַ באַלדיקע צעקרישלונג אונטער די שווערע קלעפּ פון די סנאַריאַדן, וואָס זענען געפלויגן איינער נאָכן צווייטן.

און דאָ איז געקומען די הילף פון דער פאָלקסגוואַרדיע.

6 אַ זייגער מיט 45 מינוט איז די דײַטשע באַטעריע אויף נאַוויניאַרסקע פּלוצעם אַטאַקירט געוואָרן דורך אַ קאַמפסגרופּע פון דער אָפּטיילונג א״נ פון לודוויק וואַרינסקי פון דער פאָלקסגוואַרדיע אין וואַרשע. דער דאָזיקער בליץ שנעלער און מיט פולשטענדיקן דערפאָלג אַדורכגעפירטער אָנפאַל אויפן געמיינזאַמען שונא איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויפן באַפעל פון דעם שטאַבשעף פון דער „גוואַרדיאַ לודאָוואַ״, פראַנציִשעק יושוויאַק („וויטאָלד פראַנעק״) און איז קאָנקרעט צוגעגרייט געוואָרן דורך דעם קאָמאַנדיר פון דער פאָלקסגוואַרדיע אין וואַרשע סטאַניסלאַוו סקריפּי („סילוועסטער״) און דורך דעם ספּעציעל אויסגעטיילטן הילף־קאָמיטעט פאַר די קעמפנדיקע יידן מיטן אַלטן אַרבעטער־טוער פראַנציִשעק לענטשיצקי („בראָדאַ״) פון פּפּ״ר בראש. מיטן אָנפאַל אויף דער באַטעריע האָט אָנגעפירט דער קאָמאַנדיר פון דעם ספּעצאָפּטייל פון דער פאָלקסגוואַרדיע פראַנציִשעק באַרטאָשעק („יאַצעק״). אין דער אַקציע האָבן זיך באַטייליקט די קעמפערס זיגמונט באָבאָווסקי („זיך״) דער קליינער פראַנעק, יעזשי דוראַטש („פעלעק״) ניוטע טייטעלבוים („וואַנדאַ״) א״אַ.

צוויי דײַטשע אַרטילעריסטן, וועלכע האָבן באַדינט די באַטעריע, און צוויי פּוילישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צעטריבן דעם עולם, זענען דערהרגעט געוואָרן. די באַטעריע איז געבליבן שטום. די פּוילישע קעמפערס זענען, נאָכן שלײַדערן די גראַנאַטן, אַרויס גאַנץ.

די לאַגע פון די אויפשטענדלערס איז אויף אַ געוויסער, קורצער צײַט געוואָרן לײַכטער.

עס איז אויסער יעדן צווייפל אַז די דאָזיקע — און אויך די ווײַטערדיקע — אַקציע פון דער פאָלקסגוואַרדיע איז קאָאָרדינירט געוואָרן מיט דער אָנפירונג פונעם אויפשטאַנד. עס זאָגט וועגן דעם עדות דער פאַקט וואָס באַלד פון ערשטן טאָג אָן זענען אינעם קאָנספּיראַטיוון לאָקאַל פון פּפּ״ר אויף שטשיגלע־גאַס נומער דרײַ, וווינונג פינף, וואָס האָט געהערט צו די איבערגעגעבענע פּוילישע פּאַטריאָטן, די פּפּ״ר־מיטגלידער וולאַדיסלאַווא און סטאַניסלאַווו לעגעץ, אָנגעקומען שליחים פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און געבראַכט גרוסן פונעם שלאַכטפעלד און ווונטשן פון פאָנדאַמינסקין („סטעפאַן״), וואָס האָט האַרט פאַרן אויפשטאַנד אין דעם זעלביקן לאָקאַל אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיט וויכטיקע פאָרשטייערס פון פּפּ״ר. די ריכטונג פון דער אַטאַקע פון באַרטאָשעקס גרופּע דערווײַזט אויך אַז אַ קאָאָרדינאַציע איז אין יענע טעג געווען.

די פּפּ״ר און די פאָלקסגוואַרדיע, וואָס האָבן באַקומען אינסטרוקציעס וועגן העלפן דעם קעמפנדיקן געטאָ פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי און פון זײַן גענעראַל־סעקרעטאַר פּאַוועל פינדער, האָבן זיך באַמיט באַלד פון אָנהייב צו אָרגאַניזירן הילף פאַר די ייִדן און סאָלידאַריטעט־קאַמפּן אין אַ ברייטערן פאַרנעם. דאָס איז סײַ געלעגן אויף דער אַלגעמיינער ליניע פון דער פּפּ״רישער פּאָליטיק, אויף דער ליניע פון מאָנטירן אַ ברייטן נאַציאָנאַלן קאַמפּספראָנט, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דער פּאַרטיי־פירער באָלעסלאַוו ביערוט, סײַ דאָס איז אַרויסגעדרונגען פון דעם טיפן ווילן פון פּפּ״ר צו אָרגאַניזירן אַ וואָס גרעסערע און ממשותדיקערע באַלדיקע הילף פאַר די קעמפנדיקע און טראַגיש אונטערגייענדיקע ייִדן. אַלע אַלאַרם־רופן פון פּפּ״ר און פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אָבער אָנגעטראָפן אויף אַ וואַנט פון גלײַכגילטיקייט און טויבקייט מצד די אָפיציעלע קרײַזן פון דער דעלעגאַטור און פון א״ק („אַרמיאַ קראַיאָוואַ״). חוץ שיין קלינגעוודיקע, צביעותדיקע מליצות האָבן די דאָזיקע לײַט פון זיך גאָרנישט אַרויסגעבראַכט. פאַרקערט, סאַמע ערב די געשעענישן פון 19טן אַפּריל האָבן זייערע פאָרשטייערס דערקלערט אייניקע פון די „זשאָב״־שליחים, אַז אויב עס וועט אויסברעכן אַן אויפשטאַנד אין געטאָ, וועלן זיי, די א״ק, זײַן געצוווּנגען אַרויסצוטרעטן אַקטיוו קעגן די ייִדן און זייער קאַמף.

די אומדערמידלעכע אַקציע פון פּפּ״ר — אין דער אונטערערדישע פּרעסע, דורך פּערזענלעכער אַגיטאַציע אא״וו — האָט באַוויזן אַרויסצושלעפּן אַ געוויסן קליינעם טייל פון די א״ק־מאַסן פון אונטער דער ווירקונג פון זייערע פירערס און מיטצורײַסן צו סאָלידאַריטעט־אַרויסטריטן לטובת דעם קעמפנדיקן געטאָ. לויטן פּלאַן פון דער פאָלקסגוואַרדיע האָט אין דער זעלביקער צײַט, ווען באַרטאָשעקס גרופּע וועט אָנגרײַפן אויף נאָווינאַרסקע־גאַס, געדאַרפט אַ צווייטע גרופּע, אַ געמישטע פון פאָלקסגוואַרדיסטן און דעמאָקראַטיש און פּאַטריאָטיש געשטימטע פּשוטע א״ק־זעלנערס, אַטאַקירן דעם שונא פון דער צווייטער זײַט, בײַ דער סאַפּיעזשינסקע־גאַס, און מאַכן אַ דורכבראָך אינעם דאָרטיקן געטאָ־מויער, כּדי צו דערמעגלעכן אַ טייל ייִדן צו אַנטלויפן. אַז אויך אָט דער טייל פונעם פּלאַן איז קאָאָרדינירט געוואָרן מיט דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, דערווײַזט דער פאַקט, וואָס ייִדישע קעמפערס האָבן, ווי מיר האָבן שוין פריִער אָנגעוויזן, אַטאַקירט דעם שונא טאַקע אויפן געטאָ־מויער בײַ סאַפּיעזשינסקע־גאַס.

די געמישטע פּוילישע גרופּע, אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּיטאַן „כוואַצקי״ (אַ פּסעוודאָנים), איז צוגעטראָטן צו דער אַקציע מיט 15 מינוט שפּעטער, ד״ה 7 אַ זייגער. די דאָזיקע אַקציע איז געלונגען, כאָטש נישט אין גאַנצן. קיין דורכבראָך אין מויער האָט זיך נישט אײַנגעגעבן צו מאַכן, ווײַל דער שונא האָט גלײַך קאָנטראַטאַקירט מיט אַ שטאַרקן פײַער און האָט אַרײַנגעפירט אין קאַמף אַ טאַנק. בעת דער שלאַכט וואָס האָט זיך פאַרקניפּט — און לאָמיר אָננעמען אַז די דײַטשן זענען גענומען געוואָרן אין אַ פײַער פון צוויי זײַטן, מצד די ייִדן אויפן מויער און מצד די פּאָליאַקן אויף דער גאַס — זענען געפאַלן טויטע און פאַרוווּנדעטע. פּוילישע טראַמוויי־אַרבעטער פון דער נאָנטער רעמיזע האָבן אַליין געזען אַ סך פאַשיסטישע פּגרים, וואָס זענען שנעל צוגענומען געוואָרן דורך די קאַרעטעס פון רויטן קרייץ.

אין זײַנע ראַפּאָרטן רעדט סטראָאָפּ וועגן „פּוילישע באַנדיטן־קאָמוניסטן״, וואָס זענען געקומען העלפן די ייִדן אינעם קאַמף. די געפאַנגענע פּוילישע קעמפערס זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט דורך די פאַשיסטישע מערדערס. אין איין פאַל גיט סטראָאָפּ אָן פינף און צוואַנציק געפאַנגענע און גלײַך דערשאָסענע פּוילישע פּאַטריאָטן־קאָמוניסטן. זיי זענען געפאַלן — גיט איבער דער עס־עס־גענעראַל — מיט אויסרופן „זאָל לעבן פּוילן!״, „זאָל לעבן מאָסקווע!״

אַזוי שטעלן זיך פאָר אין קורצן די קאַמפּס־געשעענישן אויף מוראַנאָווער פּלאַץ, אויפן בערשטער־געביט, אויף מילע און סאַפּיעזשינסקע און אויף דער אויסערלעכער זײַט הינטער די געטאָ־מויערן אינעם צווייטן טאָג פון אויפשטאַנד. דעם 20טן אַפּריל האָט זיך אויך אָפּגערופן דאָס א״ג געביט פון די שאָפּן, אין דער דרום־מערב־זײַט פון געטאָ.

דאָ האָט זיך די לאַגע פאָרגעשטעלט אַ ביסל אַנדערש. אין די פאַבריקן וואָס האָבן זיך געפונען אויף לעשנע, נאָוואָליפּיע און די שכנותדיקע גאַסן האָבן זיך נאָך אַרומגעדרייט די דײַטשע פאַבריקאַנטן ווי צ. טעבענס און ק. ג. שולץ. זיי פּרוּוון נאָך אַלץ צו באַוועגן די ייִדן, זיי זאָלן פרײַוויליק אַרויסגיין און זיך שטעלן צום טראַנספּאָרט. סטראָאָפּן וואָלט, נאַטירלעך, באַקוועמער געווען ווען די דאָזיקע מיסיע געלינגט, וואָרעם דעמאָלט וואָלט ער אויסגעמיטן אי אייגענע פאַרלוסטן, אי ער וואָלט נישט געשטעלט אין קאָן די אײַנריכטונגען פון די מלחמה־וויכטיקע אינדוסטריע־אַנשטאַלטן.

אָבער דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד האָט אַרומגענומען דעם וויכטיקן טייל פון די ייִדן אויך אויף דעם געביט פון טעבענס' און שולצס פאַבריקן. די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע שטייט אויף דער וואַך. זי האָט אַרומגענומען מיט אַ נעץ פון קאַמפּס־גרייטע קעמערלעך די פאַבריקן פון טעבענס, פון די שולצס, פון האַלמאַן, פון רעריק. אין שפּיץ פון די קאַמפּסגרופּעס שטייען די קאָמאַנדירן הערש קאַווע, יאַנעק שוואַרצפוס, לעוו רודניצקי, מאָטל גאָלדשטיין, אַליעזר געלער, דוויד נאָוואָדוואָרסקי, יהושע ווינאָגראָן, בנימין וואַלד, וואָלף ראָזאָווסקי, מאיר מייעראָוויטש. עס געפינען זיך דאָ די אָנגעזעענע טוערס פון פּפּ״ר שכנא פײַנגאָלד און רוזשקע ראָזענפעלד. היות דער שונא איז נאָך, אין הסכם מיט זײַן טאַקטיק, אויפן דאָזיקן געביט נישט צוגעטראָטן צו קיין אָנגריף, פּלאַנירן די קעמפערס אַרויסצוטרעטן די ערשטע, אונטערצוצינדן די פאַבריק און דורכפירן נאָך אַנדערע ענלעכע סאַבאָטאַזש־ און נקמה־אַקטן.

אין דער נאַכט פון 19טן אויפן 20טן אַפּריל פאַלט מסתמא די ענדגילטיקע דעציזיע אָנצוגרײַפן די ערשטע. היות אויף לעשנע פירט איינער פון די וועגן, דורך וועלכע עס דאַרפן דורכגיין די פײַנדלעכע כּוחות אין צענטראַלן געטאָ אַרײַן, באַשליסן די קעמ־

פערם צו שטערן דעם דאָזיקן דורכמאַרש פון די פעלקערמערדערס און דערמיט העלפן די ברידער וואָס שטייען שוין אין קאַמף אין די טיפער ליגנדיקע שטחים פון געטאָ.

דעם 20טן אַפּריל זעקס אין דער פרי מאַרשירט אַרײַן פון דער „אַרישער" זײַט, מסתמא פון דער אײַזן־גאַס, אַ גרעסערע דײַטשע קאָלאָנע מיט טאַנקען און אַן אָרקעסטער, אין לעשנע, כדי פון דאַנען צו שפּאַנען ווײַטער צום צענטראַלן געטאָ. עס איז דער טאָג פון דעם „פּירערס" געבורט, און די היטלעריסטן זענען לוסטיק, בפרט אַז זיי גייען הרגענען יידן און זיי ווילן קענען מקיים זײַן דעם רוצחישן פּסוק: „און ווען פון מעסער שפּריצט דאָס יידנבלוט, איז דאָך ווויל און גוט". אָבער עס איז זיי באַשערט געווען נישט צו פאַרענדיקן דאָס כוליגאַנישע געזאַנג, וואָס האָט זיך באַלד פאַרוואַנדלט אין זייערע אייגענע פאַרצווייפלטע ווייגעשרייען. אומגעריכט פליִען פון די הײַזער לעשנע 74 און 76 אויף זייערע קעפּ אָנצינדפלעשער און צוויי פּעטאַרדעס, געוואָרפן דורך די קעמפערס ריווע שמוטקע און אליעזר געלער. דער אָנגריף איז געווען פאַר די דײַטשן אומגעריכט אויך דערפאַר, ווײַל אין מיטן **דער** לעשנע־גאַס גייט אַדורך אַ געטאָ־מויער וואָס טיילט אָפּ די גראָדנומערן, וועלכע געפינען זיך אין געטאָ, פון די אומנומערן, וועלכע ליגן שוין אויף דער צווייטער, „אָרישער" זײַט. אַזוי אַרום איז פאַר די דײַטשן שווער זיך צו אָריענטירן גענוי פון וואַנען עס פאַלן די קלעפּ.

די ערשטע פליִענדיקע אָנצינדפלעשער און פּעטאַרדעס זענען ערשט געווען אַן אָנהייב, אַ סיגנאַל ,וואָרעם באַלד נאָך לעשנע 74 און 76 רופן זיך אָפּ כמעט אַלע יידישע הײַזער אויף דער גאַס — פון נומער 42 ביז נומער 82, דאָס הייסט — אַזש ביז דער אײַזן־גאַס ,וווּ עס געפינט זיך נישט ווײַט פון לעשנע די „בעפעלשטעללע" פונעם בלוטיקן געסטאַפּאָ־ממונה איבער די יידן בראַנדט און דער שטאַב פון סטראָאָפּס פאַרטרעטער מאַיאָר שטערנהאַגעל. אויפן ברוק פון לעשנע, אויף דער „אַרישער" זײַט, פאַלן דײַטשע טויטע און פאַרוווּנדעטע.

אין גיכן טרעט אַרויס אויך די סמאָטשע־גאַס. אויך דורך דאַנען באַוועגט זיך אַ דײַטשע קאָלאָנע — מיט אַ טאַנק אין שפּיץ. אויך דאָ האָבן די יידישע קאַמפסגרופּעס אונטערגעלייגט אַ מינע, אָבער זי רײַסט נישט אויף, און דער טאַנק גייט אַריבער. דעמאָלט ווערן די דײַטשן אַטאַקירט פון די הײַזער נומער 4, 5, 8 און 10, ווו עס לויערן דרייסטע קאַמפסגרופּעס אונטער דער אָנפירונג פון יאַנעק שוואַרצפוס און לעוו רודניצקי. ערשט דעמאָלט ,ווען עס פאַלן זייערע אָנצינדפלעשער, בלײַבט דער טאַנק שטיין אין פלאַמען. „קיין מאָל פריִער און קיין מאָל שפּעטער האָבן מיר נישט איבערגעלעבט אַזאַ פּרעכטיקע מינוט", — שטעלט פעסט אַן עדראיה. עס שרײַבט וועגן דעם פאַקט אויך סטראָאָפּ אין זײַן ראַפּאָרט. ער האָט געמוזט וואַרפן אין קאַמף צוויי שטורעם־גרופּעס כדי צו דערשטיקן דעם אָנפאַל — ווײַזט אויס טאַקע אויף סמאָטשע. ער קאָן אָבער די אויפשטענדלערס נישט אָנכאַפּן. ער באַנוגנט זיך בלויז מיט אַרײַנרײַסן זיך אין דעם בנין לעשנע 74 און מיט דעמאָלירן דאָס הויז.

פאַרן צוריקציִען זיך פון סמאָטשע באַווײַזן נאָך די יידישע קעמפערס אָנצוטאָן די דײַטשן ,וואָס יאָגן זיך נאָך זיי, גענוג צרות. די העלדישקייט פון די קעמפערס האָט נישט קיין גרענעץ. איינער פון זיי איז — ווי עס גיט איבער אַ דעמאָלטיקער אונטערערדישער ראַפּאָרט פון אַ לינקן פּוילישן סאָציאַליסט — אַרויס פון אַ טויער מיטן אויסרוף: „סמאָטשע 5 גיט זיך אונטער!" ווען די דײַטשן האָבן זיך מיט אָנגעשטעלטע ביקסן דערנענטערט צום הויז, האָט מען זיי פלוצעם פון באַהעלטענישן באַשאָסן מיט פײַער. דער יידישער קעמפער איז טאַקע אומגעקומען, זיך אַליין געבראַכט אַ קרבן פאַרן דערפאָלג פון זײַן קאַמפסגרופּע, אָבער די היטלעריסטן האָבן אויך טײַער באַצאָלט.

די אויפשטענדלערס פון לעשנע האָבן כסדר פאַרנומען נײַע פּאָזיציעס. זייערע הויפּט־כוחות האָבן, נישט געקוקט אויפן מערדערישן פײַער פונעם שונא, נישט פאַרלאָרן דעם קאַמפס־ענטוזיאַזם, הגם דער בלוטאָפּפלוס איז געווען אַ גרויסער; בלויז פון איין פּפּ"ר־גרופּע, וועלכע האָט געציילט 56 קעמפערס, זענען געבליבן נאָכן 20טן אַפּריל בסך־הכל 14.

נישט געקוקט אויף דעם דאָזיקן באַדײַטנדיקן בלוטאָפּפלוס, זענען אויפן דריטן טאָג פונעם אויפשטאַנד, דעם 21טן אַפּריל ,וויִדער אויסגעבראָכן פאַרביסענע קאַמפן קעגן די היטלעריסטישע ליקווידיר־פאָרמאַציעס, אויף די גאַסן לעשנע, נאָוואָליפּיע, סמאָטשע. דער גוט אינפאָרמירטע פּוילישער אָבסערוואַטאָר פון „גוואַרדזשיסטאַ" שטעלט פעסט אַז טאַקע דעם 21טן אַפּריל האָבן זיך די קאַמפן אויף אָט די גאַסן פאַרשטאַרקט נאָך מער ווי פריִער („גוואַרדזשיסטאַ" נומ' 18 פון 25טן מײַ 1943). לאָמיר צוגעבן אַז מיט אַ טאָג פריִער האָבן זיך די דײַטשע פאַבריקאַנטן מתחייב געווען לגבי סטראָאָפּן, אַז זיי וועלן צווינגען די יידן פון דעם שאָפּן־געביט זיך צו שטעלן פרײַוויליק צום טראַנספּאָרט. עס זענען אַרײַנגעפירט געוואָרן פאַר טאָג אָנגעזעענע מיליטערישע כוחות, כדי אָנצושרעקן די יידן. ק. ג. שולץ האָט געהאַלטן אַ רעדע צו די יידישע אַרבעטער; ער האָט צוגעזאָגט כל הגוטס אין פאַל, ווען זיי וועלן טאָן דעם רצון פון די פאַבריקאַנטן און עס־עס־לײַט און פאָרן מיטן גוטן ווילן קיין טראַווניק און פּאָניאַטאָוו. אָבער די שטעלונג פון דער יידישער קעמפערישער מאַסע איז געווען נישט בלויז אַ נעגאַטיווע, נאָר ממש אַ דראָענדיקע. מיט הילכיקע פּראָטעסט־אויסרופן האָט די צונויפגעזאַמלטע מאַסע געענטפערט אויף שולצס רעדע.

אונטער דער ווירקונג פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט זיך דעם 21טן אַפּריל כמעט קיינער פון די יידן אויף לעשנע און פון די שכנותדיקע גאַסן נישט געשטעלט. מען האָט זיך ווײַטער פאַרשטעקט אין בונקערס און כלערליי באַהעלטענישן.

דעמאָלט האָט זיך דער פאַבריקאַנט שולץ צוריקגעצויגן און צום וואָרט זענען געקומען סטראָאָפּס צעיושעטע חיילות. זיי האָבן אָנגעהויבן שלעפּן די מענטשן מיט כוח און אויפרײַסן די בונקערס. די קעמפערס האָבן געענטפערט מיט פײַער. די קאַמפן האָבן זיך אָנגעהויבן זיבן אַ זייגער אין דער פרי און געדויערט עטלעכע שעה. די יידישע קאַמפסגרופּעס האָבן אונטערגעצונדן די מיליטעריש־פאַבריקאַנטישע מאַגאַזינען פון מעבלהאָליץ. די היטלעריסטישע ליקווידאַטאָרן זענען געצוווּנגען געוואָרן עטלעכע מאָל זיך צוריקצוציִען פון אַ ריי הייף. אין אַנדערע פאַלן האָבן די פאַשיסטן גובר געווען — די יידישע קעמפערס האָבן פאַרטיידיקט די הײַזער שפּאַן נאָך שפּאַן און שטאָק נאָך שטאָק; פאַרלירנדיק די נידעריקע גאָרנס, זענען זיי אַרויף אויף די העכערע און נישט איבערגעריסן דעם פײַער .ערשט ווען פון די הײַזער האָבן שוין געזעצט פלאַמען, האָבן זיך די קעמפערס אַראָפּגעלאָזט דורך הינטן אויף די הייף און געזוכט נײַע אָנשפּאַרפּונקטן צום ווײַטערדיקן ווידערשטאַנד.

מיט אויסערגעוויינלעכן מוט האָבן זיך אויסגעצייכנט בעת דער דאָזיקער שלאַכט אויף לעשנע, נאָוואָליפּיע, סמאָטשע און נאָוואָליפּקי די קאַמפסגרופּעס פון די קאָמאַנדירן דוויד נאָוואָדוואָרסקי ,הערשל קאַווע ,יאַנעק שוואַרצפוס, לאָלעק. ווי איינער פון די

בעסטע שיסערס וואָס האָט שטענדיק געטראָפן אין ציל, האָט אויפגעגלאַנצט שמעון העללער. בפרט האָבן גוט געקעמפט די הײַזער נאַוואָליפּיע 61 און 63, סמאָטשע 4, 6 און 8, נאַוואָליפּקי 56.

אַ צווייטער צענטער פון העלדישע קאַמפן איז דעם 21טן אַפּריל געווען דאָס בערשטער־געביט, ווו עס האָט זיך, ווי באַקאַנט, מיט אַ טאָג פריִער אָפּגעשפּילט איינע פון די שטאַרקסטע שלאַכטן.

אונטער די סנאַריאַרן־קלעפּ פון דעם שונאס אַרטילעריע איז דער גאַנצער פּירעק פונעם בערשטער־געביט אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ העלישן פײַער. אונטער אָט דעם צעשמעטערנדיקן דרוק איז דער אָפענער יידישער ווידערשטאַנד אײַנגעבראָכן געוואָרן. די קעמפערס באַפעסטיקן זיך אין די אונטערערדישע בונקערס, גרייט אויפצונעמען מיט שאָסן די אַרײַנדרינגענדיקע פאַשיסטן. אַ דאַנק דעם וואָס עס פעלן נישט מער קיין גראַנאַטן און אָנצינדפלעשער פון אויבן, קאָן דער שונא זיך אַרײַנשלײַכן אין די הייף. אָבער ווי נאָר די ערשטע פײַנדלעכע גרופּע באַווײַזט זיך אינעם גרויסן הויף אויף שוויענטאָיערסקע 36, ווערט זי באַגעגנט מיט אַ האָגל פון קוילן — דאָס האָט אַ לויזע אויפשטאַנד־גרופּע, וועלכע איז באַשטאַנען פון שלאָסער־ און בלעכער־אַרבעטער, די א"ג האַמעראָוועס, אַטאַקירט פון אַ באַהעלטעניש די ליקווידאַטאָרן. די לעצטע וואַרפן עטלעכע גראַנאַטן און ציִען זיך שנעל צוריק פונעם הויף.

אָבער דער אָנגריף פון די פאַשיסטן ווערט דערמיט נישט אָפּגעשטעלט. הגם זיי טרעפן אָן אויף אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין אַ צווייטן הויף, אויף שוויענטאָיערסקע 38 און אין אַ ריי בונקערס אויף וואָלאָווע 4 (דאָ פאַרטיידיקט זיך אַ טראַנספּאָרטלער־גרופּע) און אין אַנדערע אַרומיקע פּונקטן, געלינגט דאָך די פאַשיסטן צו כאַפּן אַ ביסל יידן. די צאָל געכאַפּטע יידן איז אָבער אַ נישטיקע. סטראָאָפּ אַליין איז מודה אין זײַן טאָגראַפּאָרט, אַז עס איז אים געלונגען צו כאַפּן בסך־הכל 60 יידן, בעת ער האָט זיך אָריענטירט אַז אויפן בערשטער־געביט געפינען זיך אין אַ גרויסער צאָל בונקערס בײַ אַ 700—800 מענטשן, וועלכע ווילן נישט אַרויסגיין. מיט האַרץ־קלעמעניש מוז סטראָאָפּ איבערריַיסן צוליבן צופאַל פון דער נאַכט די אַקציע אַרום דעם ברענענדיקן פּירעק שוויענטאָיערסקע־פראַנציסקאַנער. ער ציט פון דאַנען אַרויס זײַנע כוחות, ווײַל בלײַבן בײַ נאַכט אויג אויף אויג מיט די קאַמפגלוסטיקע יידן האָבן די היטלעריסטן מורא געהאַט.

צווישן די חורבות און די פלאַמען פון דעם פּירעק געפינט זיך די גרונטיקע גרופּע פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויף אירע פּלייצעס אויסגעטראָגן דעם קאַמף פון 20טן אַפּריל. שטרעבנדיק צו ווײַטערדיקע קאַמפן מיטן אָקופּאַנט און ווענלדיק קומען צו הילף די שלאַכט־חברים פון צענטראַלן געטאָ, באַשליסן די קעמפערס צו פאַרלאָזן דעם חרובן געביט און זיך פאַראייניקן מיט די הויפּט־כוחות פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. אונטערן צודעק פון דער נאַכט ציִען זיך די קעמפערס צוריק און קומען אָן אויף פראַנציסקאַנער נומער 30, ווו עס איז פאַראַן אַ באַזע פון „זשאָב". פון דער ווייטנס ווערן די קעמפערס נאָכגעשפּירט דורך דײַטשע רעפלעקטאָרן; מיט איין טרעפלעכן שאָס צעטראַסקעט און פאַרלעשט דער קעמפער ראָמאַנאָוויטש דעם רעפלעקטאָר. דער שונא איז איצט אָנמעכטיק און קאָן נישט אָנכאַפּן די יידישע קעמפערס — די נאַכט געהערט צו די לעצטע.

אין משך פון דעם זעלביקן דריטן אויפשטאַנדטאָג איז מיט פאַרטיידיקונגס־קאַמפן אַרומגענומען געוואָרן כמעט דאָס גאַנצע געטאָ. עס האָבן געשטעלט אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אַ סך בונקערס אויף שטשענשליווע, וואָלינסקע, מילע, ניסקע, נאַלעווקעס און פּאָקאָרנע; אויף דער לעצטער גאַס האָט מיט די בונקערס־פאַרטיידיקונגען אָנגעפירט די גרופּע פון מאַרישע זאָבער. די שלאַכטן בײַ די בונקערס האָבן געהאַט, ווײַזט אויס, זייער אַ שאַרפן פאַרלויף, וואָרעם סטראָאָפּ שאַצט אָפּ אין זײַן טאָגראַפּאָרט פון 21טן אַפּריל די צאָל יידישע קעמפערס, געפאַלענע אין שלאַכט אויף 150 און די צאָל אומגעקומענע בײַם אויפרײַסן די בונקערס אויף 80. פון יידישע קוואַלן באַקומען מיר נישט קיין גענויע ידיעות וועגן די פאַרלוסטן פון די אויפשטענדלערס אינעם אויפשטאַנדטאָג. מיר ווייסן נאָר פון דעם קאָמוניקאַט נומער 4, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן די „זשאָב"־פאָרשטייערשאַפט אויף דער „אַרישער" זײַט, אַז דעם 21טן אַפּריל אין אָוונט האָט מען באַקומען פונעם אויפשטאַנדשטאַב אַ ידיעה וועגן דעם אַז די יידן קעמפן פּרעכטיק, אַז די שטימונג אין די קאַמפסגרופּעס איז אַ גלענצנדיקע, אַז די פאַרלוסטן אין מענטשן בײַ די קעמפערס זענען נישט קיין גרויסע; עס פעלט אָבער אַמוניציע. „מיר וועלן קעמפן ביזן לעצטן אָטעם", — אָט איז דער שלוסאַקאָרד פון דעם דאָזיקן בריוו לויט די ווערטער פון דערמאָנטן קאָמוניקאַט.

די דאָזיקע קורצע אָפּשאַצונג איז חל אויף אַלע ערשטע דרײַ טעג פונעם אויפשטאַנד.

איידער מיר וועלן איבערגיין צום ווײַטערדיקן גאַנג פון די געשעענישן, וועלן מיר זיך אַ רגע אָפּשטעלן אויף אַ פּראָבלעם, וואָס איז בשעתו פאַרשידן קאָמענטירט געוואָרן. דאָס איז דער ענין פון דער פּאַוויאַק־תפיסה. פון אַ ריי פּוילישע קוואַלן איז אַרויסגעדרונגען אַז דעם 21טן אַפּריל האָבן די אויפשטענדלערס געגרייט אַן אָנגריף אויפן פּאַוויאַק, אַז די היטלעריסטישע זיכערקייט־מאַכט האָט דעריבער אינעם דאָזיקן טאָג די תפיסה עוואַקויִרט און אַז די יידן זאָלן אַפילו האָבן דעם פּאַוויאַק דעראָבערט. דאָס האָט מען געקאָנט אַרויסדרינגען פון דעם קאָמוניקאַט נומער 4 פון דער „זשאָב"־פאָרשטייערשאַפט אויף דער „אַרישער" זײַט און נאָך מער פון אַ ריי אונטערערדישע פּוילישע צײַטשריפטן, בפרט פון „ראָבאָטניק" (אָרגאַן פון די לינקע סאָציאַליסטן) נומ' 113 פון מײַ 1943.

די זאַך איז שוין פון לאַנג געשטאַנען אונטער אַ פרעגצייכן, ווײַל ראשית גיבן די יידישע קוואַלן, די פּפּ"רישע פּרעסע און סטראָאָפּס ראַפּאָרט דעם דאָזיקן פאַקט נישט אָן; והשנית איז זיך שווער פאָרצושטעלן ווי אַזוי האָבן די אויפשטענדלערס געקאָנט אַטאַקירן און אַפילו באַהערשן אַזאַ אמתע פעסטונג ווי די פּאַוויאַק־תפיסה.

לעצטנס האָט אין דער פראַגע אַרײַנגעבראַכט אַ סך ליכט די גבית־עדות פון אַ פּאָליאַק, י. שפּילסקי, וועלכער איז אין יענער צײַט געזעסן אין פּאַוויאַק ווי אַן אַרעסטירטער מיטגליד פון פּפּ"ר. פון זײַנע זכרונות דרינגט אַרויס אַז די געהיימע אָרגאַניזאַציע פון די פּפּ"רישע אַרעסטירטע אין פּאַוויאַק האָט געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט די פּפּ"ר־חברים פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע און אַז די פּאָליטישע אַרעסטירטע פון דער תפיסה האָבן געפּלאַנט, קאָאָרדינירטערהייט מיט די יידישע אויפשטענדלערס, אויסצונוצן די געשעענישן און אַנטלויפן פון פּאַוויאַק דורך אַן אונטערערדישן לאַנג־צוגעגרייטן טונעל און טיילווײַז קומען צו הילף די קעמפנדיקע יידן. צווישן די אַרעסטירטע אין פּאַוויאַק איז אָבער געקומען צו חלוקי־דעות — די עלטערע א"ק־לייט האָבן נישט געוואָלט הערן און גערעדעקען וועגן דעם, זיי זאָלן ווערן באַפרײַט אַ דאַנק אַ יידישן אויפשטאַנד. דאָס איז די דאָזיקע אַנטיסעמיטן נישט אָנגעשטאַנען.

דער ענין וואָלט זיך פאַרצויגן, ווען נישט די בהלה וואָס איז צוליבן געטאָ־אויפשטאַנד אויסגעבראָכן בײַ דער היטלעריסטישער מאַנשאַפט פון דער תפיסה. די אָקופּאַציע־מאַכט האָט באַשלאָסן שנעל צו עוואַקויִרן די אַרעסטירטע, טאַקע מורא האָבנדיק, טאָמער קומט צו אַן אַקטיווער קאָאָרדינאַציע צווישן די אויפגעשטאַנענע ייִדן און די פּוילישע פּאָליטישע אַרעסטירטע. אויסנוצנדיק די עוואַקואַציע און די בהלה, זענען אַ סך אַרעסטירטע אַנטלאָפן.

אַט אַזוי דערוויסן מיר זיך אַז די מעשה פּאַוויאַק, הגם זי איז ביז איצט פאַרגעשטעלט געוואָרן אין איבערגעטריבענע פאַרבן, איז אָבער נישט קיין הוילע אויסטראַכטעניש; אַז פאַרקערט, דאָס איז געווען אַן ערנסטער ענין, וועלכער איז אפשר אַרײַן אין די פּלענער פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, אָלן פאַלס — פון געוויסע אירע גרופּעס, דער הויפּט פון די פּפּ״ר־קרײַזן אין געטאָ.

וועלנדיק דערשטיקן יעדן פּרוּוו פון אַ פאַרשטענדיקונג און צוזאַמענאַרבעט צווישן די פּוילישע פּאָליטישע אַרעסטירטע פון פּאַוויאַק און די ייִדישע אויפשטענדלער, האָט די היטלעריסטישע זיכערקייט־מאַכט אַרויסגעפירט פּאַרטיעסווײַז גרויסע צאָלן אַרעסטירטע פּאָליאַקן אויפן געטאָ־שטח אין דער צײַט פון די קאַמפן און דאָ זיי דערשאָסן. צוזאַמען זענען אין לויף פון דער געטאָ־ליקווידאַציע אויף אַזאַ אופן דערמאָרדעט געוואָרן בײַ אַ 5000 פּוילישע פּאָליטישע אַרעסטירטע. אין איינער פון די פּאַרטיעס דערשאָסענע איז אומגעקומען דער קאָמענדאַנט פון דער וואַרשעווער פאָלקסגוואַרדיע סטאַניסלאַוו סקריפּי („סילוועסטער״), וועלכער האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן בײַם אָרגאַניזירן די הילפאַקציעס פאַרן קעמפנדיקן געטאָ, וועגן וואָס מיר האָבן שוין דערמאָנט און וועגן וועלכע עס וועט אויסקומען צו רעדן.

...עס איז שוין געווען דאָנערשטיק, דעם 22טן אַפּריל, דער פערטער טאָג פונעם אויפשטאַנד. דער אויסזען פון געטאָ האָט זיך אין משך פון די פּאָר טעג שטאַרק געענדערט. די שׂרפות, וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך די אויפרײַסן פון די הײַזער און בונקערס, זענען דורך קיינעם נישט געלאָשן געוואָרן און האָבן געהוליעט אומגעשטערט. און דאָך האָבן די קעמפערס נישט קאַפּיטולירט, און די גרונטמאַסע פון די ייִדן האָט זיך פרײַוויליק נישט אונטערגעגעבן און איז נישט אַרויס צום טראַנספּאָרט. דער שׂונא האָט אינעם דאָזיקן טאָג באַנוצט צום ערשטן מאָל גאַזן, וואָס זענען אַרײַנגעלאָזט געוואָרן אין די קאַנאַלן ווו עס האָבן זיך געזאַמלט ייִדן. סטראָאָפּ רופט עס אָן אין זײַנע ראַפּאָרטן „נעפּליכט״, אָבער פון די פעסטשטעלונגען פון אַ גאַנצער רײ עדות דרינגט אַרויס אַז דאָס איז געווען גאַז. פון דעמאָלט אָן האָבן די ליקווידאַטאָרן אַנגעווענדט גאַז אומעטום אין די בונקערס וואָס האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד.

אויף דעם דאָזיקן ווידערשטאַנד האָבן זיך די דײַטשן אָנגעטראָפן אין אַ גרויסער צאָל בונקערס אין משך פונעם פערטן און פינפטן טאָג: ווידער אויף שוויענטאָיערסקע און צום ערשטן מאָל אויף פראַנציסקאַנער און אַנדערע גאַסן, וואָס זענען געלעגן טיפער אין צענטראַלן געטאָ. ווי מען קאָן זיך משער זײַן פון סטראָאָפּס טאָגראַפּאָרט, האָבן דעם 22טן אַפּריל לכל הפחות 15 בונקערס געשטעלט אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. קאַמפן אויף אייבערשטע שטאָקן און בוידעמס זענען דעם טאָג אויסגעבראָכן אויף לעשנע 56 און אויף נאָוואָליפּיע.

דעם זעלביקן טאָג זענען ווידער געקומען צו הילף די אַנטיפאַשיסטישע פּאַטריאָטן פון דער פּוילישער זײַט. אַ גרופּע פון דער פאָלקסגוואַרדיע האָט 4 אַ זייגער מיט 25 מינוט נאָך מיטאָג דורכגעפירט אַ וויכטיקן סאַבאָטאַזש־אַקט אויף די הינטערוואַרשעווער באַנליניעס. דער דאָזיקער סאַבאָטאַזש האָט דעזאָרגאַניזירט אויף צוויי טעג דעם פאַרקער פון וואַרשעווער באַנקנופּ און ממילא געשטערט די טראַנספּאָרטן, צוו״אַ קיין טרעבלינקע, פּאָניאַטאָוו און טראַווניק. מיט דער דאָזיקער אַקציע האָט אָנגעפירט פראַנצישעק באַרטאָשעק, וועלכער איז אונדז שוין באַקאַנט פון דער בראַווער אַקציע פונעם 20טן אַפּריל.

דעם פערטן אויפשטאַנדטאָג האָט אויך געהאַט אַן אָרט אַן אַטאַקע פון אַ פּוילישער פּאַטריאָטיש־אַנטיפאַשיסטישער גרופּע אויף די היטלעריסטן אין דער געגנט פון באָניפראַטן־גאַס און מוראַנאָווער פּלאַץ. דער ציל פון דעם אָנגריף איז געווען: דורכרײַסן די דײַטשע קייט און מאַכן אַ וועג פאַר ייִדן צו אַנטלויפן. די אַטאַקירנדיקע גרופּע איז באַשטאַנען פון פאָלקסגוואַרדיסטן, פּפּ״ר־חברים און מיטגלידער פון דער דעמאָקראַטישער גרופּע פונעם איצטיקן טוער פון נאַציאָנאַלן פראָנט באַרטשיקאָווסקי (אַ געוועזענער פּאַרטיידיקער אין פּאָליטישע פּראָצעסן אינעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן). דער אָנגריף איז טיילווײַז געלונגען. עס דערמאָנט וועגן דעם אויך סטראָאָפּ אין זײַן טאָגראַפּאָרט. אין רעזולטאַט זענען אַ סך ייִדן, אויסנוצנדיק די קעגנזײַטיקע שיסערײַ און די מהומה, אַריבער אויף דער „אַרישער״ זײַט 2).

אויף צו מאָרגנס, דעם 23טן אַפּריל, האָט די פאָלקסגוואַרדיע דורכגעפירט אַ גרויסע צענטראַלע אַקציע צו הילף דעם קעמפנדיקן געטאָ, אין דרײַ פּונקטן: אינעם ראַיאָן פון אַלטשטאָט, בײַ לעשנע און אין דער געגנט פון אָקאָפּאָווע. דער אָנגריף פון דער פאָלקסגוואַרדיע אויף פרעטע־גאַס אויף אַלטשטאָט האָט געהאַט פאַר אַ ציל ווידער צו מאַכן אַ וועג די ייִדן צו אַנטלויפן. ווי עס דרינגט אַרויס פון סטראָאָפּס טאָגראַפּאָרט, האָט זיך דאָ, אין איינעם פון די הײַזער, געפונען אַ דורכגאַנגפּונקט פון די פּליטים פון געטאָ. דער שׂונא האָט טאַקע, ווײַזט אויס, מיטן ציל צו פּאַראַליזירן דעם דאָזיקן פּונקט אַרויסגעשיקט אַהער זײַנע באַוואָפנטע מענטשן, וואָס זענען אָנגעקומען אויף אַ לאַסטאויטאָ. דער אויטאָ מיט די זשאַנדאַרן איז בליץ שנעל אַטאַקירט געוואָרן דורך דער פאָלקסגוואַרדיסטישער גרופּע אונטער דער אָנפירונג פונעם שפּאַנישן קעמפער ד״ר העניק שטענהעל („גוסטאַוו״). דער אָנפאַל איז געלונגען

2) אין זײַן בוך „דער חורבן און אויפשטאַנד פון די וואַרשעווער ייִדן״, זײַטן 42—43, שטעלט מ. נײַשטאָט אונטער אַ פראַגצייכן די ידיעה, וואָס איז דעם 11טן מײַ 1943 אָנגעגעבן געוואָרן פון מאָסקווע דורך דעם מחבר פון די דאָזיקע שורות, אַז אַ סך הונדערטער ייִדן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן דורך פּוילישע קעמפערס פון ברענענדיקן געטאָ און אַז פּוילישע אַנטיפאַשיסטן האָבן געקעמפט אויף יענער זײַט געטאָ־מויער. נײַשטאָטס כוונה איז אַ קלאָרע — דערפירן ביז צו אַ מינימום די הילף מצד די פּוילישע אַנטיפאַשיסטןפּאַטריאָטן. די ידיעה האָט דעמאָלט געשטאַמט פון אַ גוט אינפאָרמירטן מיליטערישן קוואַל; איצט ווערט זי באַשטעטיקט דורך עטלעכע באַגלייבטע עדי־ראיה, וועלכע געפינען זיך אין פּוילן, בתוכם צוויי פון די פּוילישע קאָמאַנדירן פון דער דאָ באַשריבענער אַקציע אין דער געגנט פון באָניפראַטןגאַס און מוראַנאָווער פּלאַץ, און אַ ייִדישן אָנטייל־נעמער אין די געשעענישן אויפן זעלביקן געביט. די ידיעה ווערט אויך באַשטעטיקט דורך סטראָאָפּס ראַפּאָרט.

פּאָלשטענדיק. די היטלעריסטן זענען דערהרגעט געוואָרן, דער אויטאָ — פֿאַרברענט, דער דורכגאַנגפּונקט איז דערווייַל געוואָרן אָפּגעראַטעוועט.

אויף לעשנאָ האָבן אויף דער אינעווייניקסטער זייַט פֿונעם געטאָ־מויער נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן די ייִדישע פּאַרטיידיקונגס־קאַמפֿן; זיי מיינט עס מסתמא סטראָאָפּ אין זייַן טאָגראַפּאָרט, אונטערשטרייַכנדיק אַז „די ייִדן און באַנדיטן 3) האָבן זיך געהאַלטן ביזן לעצטן מאָמענט, כדי דערנאָך צו באַשיסן די אָנגרייַפֿנדיקע אייַנהייטן. עס זענען אַפֿילו באַנוצט געוואָרן (דורך די ייִדן — ב. מ.) ביקסן". עס ווערט אויך קלאָר, וועמען עס איז אויסן סטראָאָפּ אין דעם ראַפּאָרט מיט די ווערטער: „אין משך פֿון הייַנטיקן טאָג, דעם פֿינפֿטן טאָג פֿון די קאַמפֿן, האָט מען, ווייַזט אויס, געצוווּנגען צום קאַמף די גרעסטע טעראָריסטן און אַקטיוויסטן". מען קאָן דרייסט אָננעמען אַז די דאָזיקע ווערטער באַציִען זיך צו די ייִדישע שלאַכטלייַט פֿון דעם געביט וווּ עס האָבן זיך געפֿונען אַ סך באַוווּסטזיניקע אַנטיפֿאַשיסטישע קעמפֿערס, און סטראָאָפּ איז אָפֿט מאָל געווען גוט אינפֿאָרמירט דורך דער זיכערקייט־פּאָליציי.

עס האַנדלט זיך דאָ נישט אין דער פּינקטלעכער צאָל ייִדן, נאָר אין דעם פֿאַקט גופֿא. דער גרעסטער טייל פֿון די אַרויסגעפֿירטע דורך דאַנען ייִדן איז שפּעטער אומגעקומען אָדער אין פּאַרטיזאַנישער שלאַכט, אָדער דורך די פֿאַרברעכערישע הענט פֿון נס"ז־לייַט.

צו הילף די דאָזיקע פּאָזיציעס פֿון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז געשיקט געוואָרן דעם 23טן אַפּריל די צווייטע גרופּע פֿון דער פֿאָלקסגוואַרדיע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַנטאָני גראַבאָווסקי („אַנטעק"), וועלכער איז פּונקט ווי שטענהעל־גוסטאַוו אויך געווען אַ שפּאַנישער קעמפֿער. עס האָט זיך פֿאַרקניפּט אַ קאַמף צווישן דער פֿאָלקסגוואַרדיע און די צאָלרייַכע וואַכפּאָסטנס פֿון זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציי אין דער געגנט פֿון לעשנע. דער כּוחות־פֿאַרמעסט איז נישט געווען קיין גלייַכער. צו הילף גראַבאָווסקיס גרופּע זענען געקומען גוסטאַווס קעמפֿערס, וועלכע האָבן נאָר וואָס אָפּגעהאַלטן אַ פֿולן נצחון אויף פֿרעטאַ־גאַס. אין קאַמף אויף לעשנאָ זענען געפֿאַלן צוויי פּוילישע קעמפֿערס, לעשעק און וולאַדעק (יעזשי בערסקי).

אינעם זעלביקן טאָג, אויפֿן 23טן אַפּריל, האָט די הויפּט־אָנפֿירונג פֿון דער פֿאָלקסגוואַרדיע אָרגאַניזירט — אַלס צייכן פֿון סאָלידאַריטעט מיטן געטאָ־אויפֿשטאַנד — אַ ריי אַקציעס אין גאַנצן לאַנד. ווי עס דרינגט אַרויס פֿונעם קאָמוניקאַט פֿונעם פֿאָלקסגוואַרדיע־שטאַב פֿאַרן חודש אַפּריל 1943, זענען לויט דער דערמאָנטער ליניע פֿאָרגעקומען וויכטיקע סאַבאָטאַזש־ און קאַמף־אַקציעס אויף די באַנליניעס אין וואַרשעווער, לובלינער, ראַדאָמער געגנט און באַוואָפֿנטע אָנפֿאַלן אויפֿן אָקופּאַנט אין מיעלעץ, ראַדאָם און אין קעלצער געגנט. אַ סך פֿון אָט די אַקציעס זענען דורך דער פֿאָלקסגוואַרדיע דורכגעפֿירט געוואָרן דעם 23טן אַפּריל גופֿא. אַנדערע — אין די ווייַטערדיקע אַפּריל־טעג. אויף אַזאַ אופֿן איז מאַניפֿעסטירט געוואָרן די וואָפֿן־ברודערשאַפֿט מיטן קעמפֿנדיקן געטאָ. צוליב דער נעגאַטיווער, פֿאַררעטערישער שטעלונג פֿון דער א"ק־אָנפֿירונג זענען די פּפּ"ר און פֿאָלקסגוואַרדיע געווען דער אייַנציקער כּוח אין לאַנד וואָס איז אַרויס מיט באַוואָפֿנטע מעשים אין שוץ און סאָלידאַריטעט מיט די ייִדישע אויפֿשטענדלערס. „דער א"ג באַגרענעצ־

3) אומעטום וווּ סטראָאָפּ שרייַבט „באַנדיטן" דאַרף מען לייענען: קעמפֿערס, אויפֿשטענדלערס אָדער פּאַרטיזאַנער.



טער קאַמף — האָט געשריבן מיט פֿאַרביטערונג דער פּפּ"ר־אָרגאַן „גלאָס וואַרשאַווי" פֿון 28טן אַפּריל 1943 — וואָס ווערט פּראָפּאַגירט דורך דער פּוילישער רעאַקציע, האָט זיך דאָס מאָל באַגרענעצט צו נול".

די הילף פֿון פּפּ"ר און פֿון דער פֿאָלקסגוואַרדיע האָט זיך נישט באַשרענקט צו שלאַכט־אַרויסטריטן. ממש מיט איבערמענטשלעכן אָנשטרענג האָבן די שליחים פֿון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע — יורעק זאָלאָטאָוו, טוביה שיינגוט (טאַדעק) א"אַ — און די ספּעציעל צוגעטיילטע טוערס פֿון פּפּ"ר און פֿון דער פֿאָלקסגוואַרדיע — לענטשיצקי, לעגעץ, קאָוואַלסקי א"אַ — געזאַמלט געווער און אַמוניציע און איבערגעוואָרפֿן אין געטאָ אַרייַן. דער קוואַרטירמייַסטער פֿון דער פֿאָלקסגוואַרדיע, עדוואַרד באָניסלאַווסקי, איז פּערזענלעך געגאַנגען צו די געטאָ־מויערן, וואָרשייַנלעך מיטן ציל אייַנצואָרדענען דעם ענין, און איז גלייַך אין די ערשטע טעג געפֿאַלן אין אומגלייַכן קאַמף מיט זשאַנדאַרן. די גוואַרדיסטקע זאָפֿיאַ קרענגלעווסקאַ האָט דורך כּלערליי וועגן געטראָגן די טייַערע מתּנות צום געטאָ. ווי עס דרינגט אַרויס פֿון סטראָאָפּס צוגאָבדערקלערונגען, האָט מען צווישן די טראָפֿייען אין געטאָ געפֿונען געווער פֿון סאָוועטישן אָפּשטאַם — אַראָפּגעוואָרפֿענע פֿאַר די פּאַרטיזאַנערס; אויך אַ טייל פֿון דעם געווער האָט געטראָפֿן אין געטאָ אַרייַן. די אויפֿשטענדלערס האָבן אויך דעראָבערט געווער בייַ אומגעקומענע דייַטשן אין לויף פֿון די קאַמפֿן. אָבער טראָץ אַלע באַמיִונגען האָבן די אויפֿשטענדלערס פֿאַרמאָגט גאָר גאָר ווייניק וואָפֿן. שוין אין זייַן בריוו פֿון 23טן אַפּריל אַלאַרמירט אַניעלעוויטש, אַז עס פֿעלט געווער. און די וואָס זענען געווען די בעלי־בתּים פֿון די גרעסטע אַרסענאַלן, די א"ק־פֿירערס האָבן זיי פֿאַרקלאַפּט אויף זיבן שלעסער און פֿאַרוועריט און טאָרמאָזירט דעם דראַנג פֿון זייערע אייגענע פּשוטע זעלנערס צו מעשים.

דער מאַנגל אין געווער איז געווען איינע פֿון די עיקר־סיבות וואָס האָבן פֿאַרשנעלערט דעם סוף פֿון די פּרעכטיקע קאַמפֿן פֿון די ערשטע פּאָר טעג. און פֿון דעסט וועגן האָט דער אויפֿשטאַנד — אין פֿאַרשידענע פֿאָרמען — געדויערט ווייַטער.

— 6 —

## די קאַמפֿן צווישן פֿלאַמען ביזן 10טן מיי

„אין פֿראָנטאַלן אָנגריף איז דאָס געטאָ געווען נישט צום דעראָבערן" — אַזוי האָט אין יענע שטורמישע טעג אָפּגעשאַצט די לאַגע דער הויפּטאָרגאַן פֿון פּפּ"ר „טריבונאַ וואָלנאָשטשי" (פֿרייַהייט־טריבונע). שוין אין משך פֿון די ערשטע דרייַ־פֿיר טעג האָבן זיך די היטלעריסטישע אָרגאַנען איבערגעצייַגט אין דער דאָזיקער ווירקלעכקייט און פֿאַרשטאַנען אַז מיט געוויינלעכע אונטערדריקונג־מיטלען וועט נישט געלינגען אַזוי שנעל צו דערשטיקן און אייַנלעשן דעם פֿייַער פֿון אויפֿשטאַנד. און דאָס האָט געוויס באַאומרויִקט די אָנפֿירנדיקע אינסטאַנצן פֿון דער היטלעריסטישער זיכערקייט־מאַכט אין בערלין. דאָרטן האָט מען מסתמא געהאַלטן אַז סטראָאָפּס מעטאָדן זענען נאָך אַלץ ווייניק ווירקזאַם. דעריבער שיקט הימלער אַרויס דורך קריגערן צו סטראָאָפּן אַ געהיימע דעפּעשע מיט אַ באַפֿעל אַדורכצופֿירן די „אויסרייניקונג" פֿונעם געטאָ „מיט דער גרעסטער שטרענגקייט און פֿולשטענדיקער ריקזיכטלאָזיקייט". „איך האָב זיך דעריבער דעצידירט — ראַפּאָרטירט סטראָאָפּ — אויף אַ פֿולשטענדיקער פֿאַרניכטונג פֿון דעם ייִדישן וווינבאַצירק דורך פֿאַרברענען אַלע הייַזערבלאָקן, ד"ה אויך

די וואָס האָבן זיך געפונען ביַי די באַוואָפענונג־פאַבריקן. איין פאַבריק נאָך דער צווייטער איז געווען סיסטעמאַטיש אויסגעליידיקט און דערנאָך פאַרניכטעט דורך פיַיער".

אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע פאַזע פון די געשעענישן אינעם קעמפנדיקן און ברענענדיקן געטאָ, די צווייטע פאַזע וואָס איז באַדינגט געוואָרן דורך דער סטיכיע פונעם פיַיער, קעגן וועלכער די אויפשטענדלערס און די געטאָ־אסורים בכלל האָבן זיך נישט געקאָנט קעגנשטעלן. די ליקווידאַטאָרישע האָרדעס, אָדער — ווי סטראָאָפּ רופט זיי אָן אין זיַין ראַפּאָרט — די „דורכקעמונגשטורם־אָפּטיילונגען" זענען געגאַנגען סיסטעמאַטיש פון ראַיאָן צו ראַיאָן, פון גאַס צו גאַס און הויז נאָך הויז אויפגעריסן מיט דינאַמיט די וווינערטער און דערנאָך די אונטערערדישע באַהאַלטפּונקטן פון די ייִדן. די אויפגעריסענע געביַידעס און בונקערס האָבן אונטער זייערע חורבות באַגראָבן לעבעדיקערהייט טויזנטער שוצלאָזע מענער, פרויען, קינדער, זקנים און שלאַפע. ווען מען לייענט די דעמאָלטיקע באַשריַיבונגען פון דער ריזיקער שרפה, די קאָמוניקאַטן פון דער „זשאָב"־פאָרשטייערשאַפט אויף דער „אַרישער" זיַיט, די פּוילישע אונטערערדישע פּרעסע, די „זשעגאָטאַ"־ביולעטינען, די באַריכטן און גביות עדות פון ייִדן, די רעלאַציעס פון די היטלעריסטישע פאַרברעכערס — ווערט מען אויפגעציטערט פון דעם אומגעהיַיערן טיַיוולאָנישן פאַרנעם פון דער דאָזיקער פעלקערמערדערישער רציחה. די פּוילישע אונטערערדישע פּרעסע האָט פעסטגעשטעלט, אַז זינט דעם אונטערצינדן רוים דורך דעם קייסער נעראָן איז נאָך אַזאַ געוואַלדיקע שרפה אין אייראָפּע נישט געווען. עס האָט געפלאַקערט אַ גאַנצער ראַיאָן אין מיטן פון אַ גרויסער מיליאָניקער שטאָט, אַ דריט־חלק פון וואַרשע איז געשטאַנען כסדר אין משך פון עטלעכע וואָכן אין העלישע פלאַמען, און צוזאַמען מיט די היַיזער און גאַסן האָט דער ריזיקער פיַיער איַינגעשלונגען טויזנטער לעבעדיקע מענטשן. און ווער עס האָט זיך אַרויסגעריסן פון פיַיער, איז געפאַלן פון די קוילן פון די צעיושעטע אין זייער מערדערישער הנאה עס־עס־ליַיט, אָדער איז דערטרונקען געוואָרן אין די שמוציקע וואַסערן פון די אונטערערדישע קאַנאַלן.

אין די פאַרשידענע מאַטעריאַלן און בפרט אויפן וואַרשעווער פּראָצעס פון די פעלקערמערדערס סטראָאָפּ און קאָנראַד שווימען אויף דאַנטעיִשע סצענעס פון דעם גרויל וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין געטאָ בעת דער ריזיקער אומאויפהערלעכער שרפה. צו די סאַמע אויפטרייסלענדיקע בילדער פונעם גרויל געהערן די באַשריַיבונגען פון די „לעבעדיקע טאָרפּעדאָס" — די מענטשן וואָס זענען געשפּרונגען פון די ברענענדיקע היַיזער, די מוטערס וואָס האָבן צו ערשט אַראָפּגעוואָרפן זייערע קינדער און דערנאָך אַליין געשפּרונגען פון באַלקאָנען, פון וועלכע עס האָבן שוין געזעצט פלאַמען. די שפּרינגענדיקע מענטשן האָבן שוין געברענט — עס איז שוין אויף זיי געווען אָנגעצונדן דאָס אָנטאָן, די האָר. אַ סך מאָל האָט געטראָפן אַז אַזאַ לעבעדיקער פאַקל האָט זיך פאַרטשעפּעט אין אַ פענצטער אָדער באַלקאָן — דעמאָלט האָבן סטראָאָפּס צעווילדעוועטע יונגען געשאָסן אין דעם קרבן, און ווען ער איז געפאַלן אויף דער ערד און זיך געקאָרטשעט אין ווייען, אַרומגענומען נאָך אַלץ מיטן פיַיער, האָבן זיך די באַנדיטן לוסטיק געמאַכט און נישט געוואָלט שענקען דעם אומגליקלעכן קיין „גנאָדשאָס", ביז ער איז אין שרעקלעכע ענויים אויסגעגאַנגען.

ווי שטאַרק איז דעריבער געווען די שנאה פון דעם לעצט ביסל ייִדן צו די פאַשיסטישע רוצחים, ווי פעסט איז געווען זייער דעציזיע, אויב זיי האָבן ליבערשט געוואָלט אומקומען אין פיַיער, אָדער שטיקן זיך אָן לופט אין די ענגע, איבערגעפּולטע אונטערערדישע בונקערס און נישט אַרויסגיין פריַיוויליק צום טראַנספּאָרט, ווו זיי האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט פון נאָך אַ שטיקל ציַיט צו לעבן, אָדער אפשר אויך אַ ברעקל האָפענונג אויף אַרויסצוגליטשן זיך פון די הענט פון לויערנדיקן מלאך־המות. נישט געקוקט אויף דער טראַגישער פּערספּעקטיוו פאַרברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט, האָט די ייִדישע באַפעלקערונג מיט אַ ווונדערלעכער עקשנות נישט געפאָלגט די כסדרדיקע אויפפאָדערונגען פונעם שונא אַרויסצוגיין אויפן הויף און זיך איבערגעבן אין געפאַנגענשאַפט. אין זיַין טאָגראַפּאָרט פון 29טן אַפּריל מוז טאַקע סטראָאָפּ פעסטשטעלן אַז „די ייִדן און באַנדיטן, נישט געקוקט אויפן ריזיקן פיַיער, האָבן בעסער געוואָלט זיך אומקערן צו אים (צום פיַיער — ב. מ.) איידער אַריַינצופאַלן אין אונדזערע הענט... כסדר, ביזן סוף פון דער אַקציע האָבן די ייִדן געשאָסן אַזוי, אַז ביַים סוף פונעם טאָג האָט אַ פּיאָנערן־גרופּע (דיַיטשע סאַפּערן — ב. מ.) געמוזט אונטערן צודעק פון אַ קוילן־וואַרפער דעראָבערן אַ שטאַרק בעטאָנען הויז".

אין אָט דער נײַער שווידערלעכער אַטמאָספער, ווען דער גאַנצער אַרום איז פאַרטויבט געוואָרן דורך כסדרדיקע דעטאָנאַציעס פון די דינאַמיט־אויפריַיסן און דער פיַיער איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז דער אַספאַלט אויף די ברענענדיקע גאַסן האָט זיך ווי אַ גליִיִקע מאַסע צעגאָסן ווי בלאָטע און געבריט די פיס, האָט די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אַרויסגעוויזן אַ מאַקסימום פון באַהערשונג און קאַלט בלוט. אין משך פון גאַנצן טאָג פונעם 29טן אַפּריל זענען וויַיטער פאָרגעקומען קאַמפן אויף נאַלעווקעס, מילע, מוראַנאָווער פּלאַץ, ניסקע, נאָוואָליפּיע. די קאָאָרדינאַציע צווישן די פאַרשידענע פּאָזיציעס פון די אויפשטענדלערס איז, נישט געקוקט אויפן פיַיער און אויפן כאַאָס, איַינגעהאַלטן געוואָרן. אָבער די הויפּטזאָרג פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז איצט געווען די פאַרצווייפלטע לאַגע פון די ייִדן אין יענע בונקערס, וואָס זענען דעמאַסקירט געוואָרן צוליב די אויפריַיסן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן אַ געוואַגטע אַקציע פון עוואַקויִרן די באַפעלקערונג פון די דאָזיקע בונקערס אין אַנדערע מער זיכערע ערטער. אַזוי איז דורכגעפירט געוואָרן די עוואַקואַציע פון דעם גרויסן בונקער אויף מילע 29. די דאָזיקע ריזיקאַלישע אונטערנעמונג איז אַדורך אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג. פון פאָרנט און ביַים סוף זענען געגאַנגען די קעמפערס, באַוואָפנט מיט ביקסן, רעוואָלווערן און גראַנאַטן, און צווישן זיי — די מאַסע פּליטים, וועלכע זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַ לעת־עתה מער זיכערן בונקער, אין אַ צווייטן פּונקט אויף דער זעלביקער מילע־גאַס. בעת דער דאָזיקער עוואַקואַציע האָבן זיך אויסגעצייכנט די קאַמפּסגרופּעס פון פּאַוועל ברוסקין און לייב (לוטעק) ראָטבלאַט, וועלכע האָבן געדעקט פון הינטן די אַריבערגעפירטע מאַסע. אַן ענלעכע עוואַקואַציע האָט אויך געהאַט אַן אָרט אויפן געביט פון מילע 37; די מענטשן האָט מען אַריבערגעפירט אין אַ צווייטן בונקער אויף מילע 7. די עוואַקואַציע איז דאָ געשיצט געוואָרן דורך די קאַמפּסגרופּעס פון לייב גרוזאַלץ און דוויה האָכבערג. דער לעצטער איז געפאַלן מיט אַ העלדנטויט בעת דעם פּלוצעמדיקן אָנגריף פון די דיַיטשן. האָכבערג האָט מיט זיַין אייגענעם קערפּער פאַרשטעלט דעם שמאָלן אַריַינגאַנג, שיצנדיק און באַגינסטיקנדיק דערמיט די לעצטע גרופּע ייִדן אַרויסצוגיין פון אַ צווייטער זיַיט; און ביַי דער פּאָזיציע איז דער מסירת־נפשדיקער קאָמאַנדיר געפאַלן, געטראָפן פון שונאס קויל.

די דאָזיקע עוואַקויִר־אַקציעס געהערן צו די שענסטע אויפטוען פון די ייִדישע קעמפערס בעתן אויפשטאַנד. זיי דערוויַיזן, ווי

גרויס עס איז געווען די זאָרג פון די אויפשטענדלערס פאַר דער געליטענער באַפעלקערונג, ווי שטאַרק עס זענען געווען די פעדעם, וואָס האָבן פאַרבונדן די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס מיט דער ברייטער מאַסע. די דאָזיקע בראַווע אַקציעס באַשטעטיקן נאָך אַ מאָל אַז די מילע־גאַס האָט זיך אין יענער צײַט — און דאָס איז דאָן שוין געווען דער פינפטער טאָג פונעם אויפשטאַנד — געפונען אין גאַנצן אין די הענט פון די אויפשטענדלערס, נישט געקוקט אויף אַלע אַטאַקעס פונעם שונא אויף אָט דער הויפּטגאַס פון „זשאָב", וועגן וועלכער עס האָט זיך שוין גערעדט פריִער.

די נײַ געשאַפענע סיטואַציע האָט געצוווּנגען דעם שטאַב פונעם אויפשטאַנד אַריבערצוגיין צו אַ פרישער קאַמפּטאַקטיק, אָנצווענדן די פאָרויסגעזעענע אינעם פּלאַן מעטאָדן, וועלכע זענען איצט געווען צוגעפּאַסט צו די געענדערטע פּלאַצדאַרם־באַדינגונגען. הגם מען קאָן נישט זאָגן אַז די שׂרפה האָט אויסגעשלאָסן בכלל אָפענע גאַסנקאַמפן, און אַזעלכע זענען פון צײַט צו צײַט ווײַטער אויסגעבראָכן דאָ און דאָרטן, מוז מען אָבער פאַרשטיין אַז דער פעריאָד (אויב מען קאָן אַזאַ אויסדרוק באַנוצן צו אַ אָפּשניט פון עטלעכע טעג) פון בײַטאָגיקע קאַמפן אויף דער ערד־אייבערפלאַך האָט זיך געענדיקט; זיי זענען פון אַצינד אָן געווען אוממעגלעך מחמת דעם, וואָס די קעמפערס האָבן נישט געקאָנט האָבן קיין אָנשפּאַרפּונקט אין אויסגעברענטע, צעקרישלטע הײַזער, און דאָס נאָך אין באַדינגונגען פון אומאויפהערלעכע שׂרפות. די קעמפערס זענען איצט איבערגעגאַנגען צו דער א"ג פּאַרטיזאַנישער טאַקטיק, וואָס איר באַזע זענען געווען די אונטערערדישע בונקערס, און באַשטאַנען איז די דאָזיקע טאַקטיק אין פּלוצעמדיקע בײַנאַכטיקע איבערפאַלן אויפן שונא. צוזאַמען מיט די דאָזיקע נאַכט־איבערפאַלן זענען איצט מיט אַ סך אַ ברייטערן פאַרנעם אויסגעבראָכן באַוואָפנטע בונקער־פאַרטיידיקונגען. אַזוי אַרום איז דער עיקרדיקער קאַמף איבערגעטראָגן געוואָרן אונטער דער ערד, פון וואַנען עס זענען אויך געגאַנגען די אָפטע איבערפאַלן.

די נײַע טאַקטיק סיגנאַליזירט סײַ די דעמאָלטיקע פּפּ"רישע פּרעסע, סײַ אַניעלעוויטש אין זײַן בריוו פון 23טן אַפּריל. אין משך פון די ערשטע צוויי נעכט — פון 23טן און פון 24טן אַפּריל — זענען פאָרגעקומען באַוואָפנטע נאַכטאָנפאַלן אויף דײַטשע פּאַטראָלן אויף די גאַסן: קוזשע (מײַזעלס), מילע, דזשיקע, שטשענשליווע, בײַם אומשלאַג־פּלאַץ, אויף שווינטאָיערסקע, וואָלאָווע און לעשנע; מיט אַנדערע ווערטער: כמעט אויפן גאַנצן שטח פון ברענענדיקן געטאָ. אַזעלכע אָנפאַלן האָבן זיך איבערגעחזרט אויך אין די ווײַטערדיקע נעכט.

לײַדער ווייסן מיר נישט אין אַלע פאַלן גענוי וואָס עס האָט זיך געטאָן אין די פאַרשידענע צאָלרײַכע אונטערערדישע פּאָזיציעס פון די אויפשטענדלערס אין משך פון 23טן אַפּריל ביזן 1טן מײַ. לאָמיר נישט פאַרגעסן אַז פון די גרויסע צאָלן ייִדישע קעמפערס — סײַ פון „זשאָב", סײַ פון די לויזע בונקער־גרופּעס — זענען געבליבן לעבן יחידים און זיי זענען נישט געווען אין שטאַנד צו וויסן וועגן אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אויפן גרויסן שטח — פון לעשנע ביז סאַפּיעזשינסקע און פון פראַנציסקאַנער ביז אָקאָפּאָווע. אויך פון דער ציווילער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען אין אַ סך פאַלן אַן עדות פון די געשעענישן, האָבן איבערגעלעבט איינצלנע מענטשן. די ייִדישע דאָקומענטן פון די געשעענישן ווערן וואָס ווײַטער אַלץ ווייניקער. אַזוי אַרום ווייסן מיר נישט, צום באַדויערן, ווי עס האָבן אויסגעזען די קאַמפן אויף די באַזונדערע אָפּשניטן אין משך פון דער באַריכטער צײַט. אויפן סמך פון די ברעקלעך פון די ייִדישע גבֿיות־עדות, פון די קאַרגע ידיעות, וואָס האָבן דעמאָלט דערגרייכט צו דער פּוילישער אונטערערדישער פּרעסע, פון סטראָאָפּס ראַפּאָרט און פון זײַנע צוגאָב־דערקלערונגען בײַ פאַרשידענע געלעגנהייטן, קאָן מען אויסרעכענען אַ ריי שלאַכטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ביזן 1טן מײַ, מיט דער באַוואָרעניש אָבער אַז דאָס שעפּט ווײַט נישט אויס אַלע קאַמפן פון דער צײַט און אַז מיר זענען נישט אין שטאַנד צו געבן אַ פאַרגאַנצטע שילדערונג פונעם פאַרלויף פון די שלאַכטן. אַפילו סטראָאָפּס ראַפּאָרט, דער בלי שום ספק וויכטיקסטער דאָקומענט פון דעם איצט באַהאַנדלטן צײַט־אָפּשניט (און אויך פון דער גאַנצער צײַט), רעדט וועגן די קאַמפן ס'רובֿ אָן גענויער אָנווײַזונג ווו זיי זענען קאָנקרעט פאָרגעקומען, און נאָר ערטערווײַז באַמערקט ער פּינקטלעך די ערטער פון די צוזאַמענשטויסן. קיין פולשטענדיק גענוי בילד באַקומען מיר אויך נישט אין דעם דאָזיקן בדרך כּלל יסודותדיקן דאָקומענט.

אַזוי אַרום קאָנען מיר אויסרעכענען די ווײַטערדיקע קאַמפּס־געשעענישן אין דעם צײַטאָפּשניט פון 25טן אַפּריל ביזן ערשטן מײַ:

דעם 25טן אַפּריל האָט די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע געליטן אַ ווייטיקלעכן פאַרלוסט. דער שטאַב האָט אַרויסגעשיקט אַן אויסשפּיר־גרופּע אויסצוזוכן נײַע וועגן פאַר די קאָנטאַקטן מיט די פרײַנד אויף דער „אַרישער" זײַט. עס האָט זיך געהאַנדלט אין צוריקשטעלן די פאַרבינדונגען, וואָס זענען איבערגעריסן געוואָרן צוליב די געשעענישן פון דעם לעצטן טאָג. די אויסשפּיר־גרופּע איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דעם שונא און איז אומגעקומען אין אַן אומגלײַכן קאַמף.

אין משך פון די דרײַ טעג — דעם 25טן, 26טן און 27טן אַפּריל האָט זיך די פאַרטיידיקונג־באַוועגונג אין די בונקערס שטאַרק אויסגעשפּרייט. דעם 26טן אַפּריל, למשל, מוז סטראָאָפּ מודה זײַן אינעם טעלעגראַפאַרט: „אַלע אָפּטיילונגען אָן אויסנאַם (מײַן קורסיוו — ב. מ.) האָבן אָפּגעגעבן מעלדונגען וועגן אָנגעטראָפענעם ווידערשטאַנד... עס ווײַזט זיך אַלץ מער אַרויס אַז איצט קומט די ריי אויף די צום מערסטן פאַרביסענע און האַרטנעקיקע ייִדן און באַנדיטן". ווי מיר זעען, חזרט איבער דער הויפּט־ליקווידאַטאָר שוין צום צווייטן מאָל ,אַז איצט קומט די ריי אויף די סאַמע פאַרביסענע קעמפערס. סטראָאָפּס שטוינונג וועט נאָך ווײַטער וואַקסן אַלץ מער. דער אויפשטאַנד האָט טאַקע געמוזט אָננעמען אַנדערע פאָרמען, אָבער ער איז געוואָרן ברייטער און פאַרביסענער.

וואָס שייך דעם 27טן אַפּריל, זענען מיר אין שטאַנד אָפּצומערקן פרישע בונקערקאַמפן אויף נאָוואָליפּקי, לעשנע, נאָוואָליפּיע און ניסקע. גענויער איז אונדז באַקאַנט דער קאַמף פון אַ בונקער־גרופּע אויף נאָוואָליפּקי 40. די גאַנצע באַוואָפענונג פון דער גרופּע איז באַשטאַנען פון דרײַ פּיסטאָלעטן. ווען די תּלינים זענען אַרײַן אינעם הויף און אויפגעפאָדערט די ייִדן אַרויסצוגיין, האָט די בונקער־גרופּע געענטפערט מיט אַ שאָסן־סעריע. אָבער דער שונא איז געווען שטאַרקער. מיט אַ הוררא־געשריי האָבן זיך די פאַשיסטן אַרײַנגעריסן דורך אַ דורכבראָך אינעם בונקער. אַ טייל פון די פאַרטיידיקערס נעמט אײַן ציאַנקאַלי. איינע פון די קעמפערינס, די 36יעריקע העליאַ שטערלינג, נישט האָבנדיק שוין קיין קוילן, וואַרפט זיך מיט אַ נאַגײַקע אויף די דײַטשן. זי ווערט דערשאָסן אויפן אָרט. פון די אַנדערע ווערט אַ טייל באַלד דערהרגעט און אַ טייל ווערט אַרויסגעפירט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ.

אַן ענלעכן, הגם אַ מער קעמפערישן, פאַרלויף האָט די שלאַכט וואָס איז פאָרגעקומען דעם זעלביקן 27טן אַפּריל בײַם בונקער אויף לעשנע 74, ווו עס האָט זיך פאַרטיידיקט אַ גרופּע פון דער יִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. אויפן דאָזיקן בונקער האָבן די דײַטשן, ווײַזט אויס, געלויערט שוין פון לאַנג. דאָ איז געווען אַ צענטראַלע באַזע פון די, וועלכע סטראָאָפּ באַצייכנט ווי די צום מערסטן פאַרביסענע און האַרטנעקיקע יִדן" — די קאַמפּסגרופּעס פון רוזשקע ראָזענפעלד און הערש קאַווע. נאָך אַ לאַנגן פאַרביסענעם ווידערשטאַנד זענען די קעמפערס געבליבן שטיין פאַר אַ טראַגישער לאַגע: דער שונא, נישט קענענדיק דעראָבערן דעם בונקער, האָט אים פאַרפלייצט מיט וואַסער. די אויפשטענדלערס הייבן אָן זיך איבערטראָגן פון אָרט צו אָרט. די דײַטשן געלינגט צו מאַכן אַ דורכבראָך. עס פאַרקניפּט זיך דער לעצטער טראַגישער געראַנגל. די מסירת־נפש פון די העלדישע בחורים און מיידלעך ווייסט נישט פון קיין גרענעצן. דאָ האָט זיך עס אָפּגעשפּילט די רירנדיקע סצענע, ווען די יונגיטשקע קעמפערין האַלינקע ראָכמאַן האָט פאַרשטעלט מיט איר אייגענעם קערפּער די קאָמאַנדירין רוזשקע ראָזענפעלד, אויסרופנדיק אַז די לעצטע איז נייטיקער. אין אומגלײַכן קאַמף זענען אַחוץ ראָכמאַן געפאַלן רוזשקע ראָזענפעלד, הערשל קאַווע, זאָכע בזשעזשינסקאַ, טאַסיע צעבולאַזש, שׂרה קלייבאַן, רודניצקי, שמעון העללער. בײַ אַנדערע אומשטאַנדן, בײַם פּרווו זיך אַדורכצורײַסן, איז אומגעקומען די קעמפערין כאַנטשע פּלאָטניצקאַ, וועלכע האָט זיך פריִער אויך געפונען אויפן לעשנע־געביט.

אין דער זעלביקער מער וויניקער צײַט זענען געפאַלן נאָך אַ ווידערשטאַנד די בונקערס אויף נאַוואָליפּיע 67 און 69.

דעם 27טן אַפּריל האָט סטראָאָפּ אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן שטורעם־אַנגריף אויף ניסקע־גאַס, וואָרפנדיק אין שלאַכט 320 אָפיצירן און זעלנערס. די יִדן האָבן געשטעלט אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד און — ווי עס דריקט זיך אויס סטראָאָפּ אין זײַן טעלעגראַפּאָרט — „געשאָסן ביזן לעצטן מאָמענט". געוויס באַציִען זיך אויך צו די דאָזיקע געשעענישן אויף ניסקע די ווערטער פון סטראָאָפּס ראַפּאָרט וועגן די לאָזונגען קעגן די פאַשיסטישע האַרדעס און די קללות אויף היטלערן, וואָס די קעמפערס און אַנדערע יִדן האָבן געוואָרפן, שפּרינגענדיק פון די ברענענדיקע באַלקאָנען און פענצטער.

די דאָזיקע געשעענישן אויף ניסקע שילדערט אין זײַנע דערקלערונגען אויף סטראָאָפּס און קאָנראַדס פּראָצעס אַ פּוילישער עדות, אַ דעמאָלטיקער פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך יענעם טאָג געפונען אויף דער דאָזיקער גאַס. ער גיט צווישן אַנדערס איבער וועגן אַ שטאַרקער בונטאַרישער רעדע פון אַ יִדישער פרוי אין מיטן די פלאַמען אויף אַ ברענענדיקן באַלקאָן. דער אומפאַרגעסלעכער אײַנדרוק פון אָט דער שילדערונג שטייט נאָך הײַנט פאַר די אויגן פון די, וועלכע האָבן עס געהערט.

דעם זעלביקן טאָג האָט געהאַט אָן אָרט, ווי עס דרינגט אַרויס פון סטראָאָפּס ראַפּאָרט, אַ מערקווירדיקע דערשײַנונג אויף ביידע זײַטן פון מוראַנאָווער פּלאַץ. אויף דער „אַרישער" און אויף דער געטאָ־זײַט. עס האָט זיך מיט אַ מאָל געיאַוועט אַ שטאַרקע געמיינזאַמע יִדיש־פּוילישע קאַמפּסגרופּע אין דער צאָל פון 120 פּערזאָן. די סכנה פאַר די דײַטשן איז געווען גרויס און דראָענדיק, ווײַל אָט גיסן זיך אַריבער די קאַמפן אין די פּוילישע ראַיאָנען. דער הויפּטליקווידאַטאָר טרויט אָן די שווערע קעגנאַקציע דעם שופּאָ־לייטענאַנט דיהל וועלכער בינדט אָן אין שפּיץ פון אַ שטאַרקער אָפּטיילונג



אַ קאַמף מיט דער יִדיש־פּוילישער באַוואָפנטער גרופּע. מצד די לעצטע פאַלן אין שלאַכט 24 קעמפערס, אַ טייל פאַלט אַרײַן אין געפאַנגענשאַפט. מורא האָבנדיק פאַר אַן איבערחזרונג פון אַזאַ געפערלעכער דערשײַנונג, פירט דורך די היטלעריסטישע זיכערקייט־פּאָליציי נײַע מאַסן־אַרעסטן צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג 1).

מען קאָן אָננעמען אַז די געשילדערטע דורך אונדז פאַרלויפן פון די בונקער־פאַרטיידיקונגען אויף נאַוואָליפּקי 40 און אויף לעשנע 74 און פון די קאַמף־געשעענישן אויף ניסקע, זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע ענלעכע בונקערשלאַכטן און אַנדערע קאַמף־פּאַסירונגען אין ברענענדיקע הײַזער, סײַ דעם 27טן אַפּריל, סײַ שפּעטער. ווו שטאַרקער, ווו שוואַכער, האָבן די דאָזיקע קאַמפן אומעטום געהאַט — קען מען זיך דרייסט משער זײַן — אַן ענלעכן אויסזען.

אויף צו מאָרגנס, דעם 28טן אַפּריל, ברעכן איבער אַ נײַעם אויס קאַמפן אויף לעשנע. אמת, אונטערן דרוק פון דעם שונאס אומאויפהערלעכן פײַער און פון ווײַטערדיקע „פרידלעכע" מאַנעווערן פון דעם פאַבריקאַנט ק. ג. שולץ און אַנדערע ברעכט זיך אײַן אַ טייל באַהאַלטענע יִדן, פון דעם וויניקער שטאַנדהאַפטיקן נישט־פּראָלעטאַרישע עלעמענטן. אָבער די שטימונג פון דער יִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז ווײַטער אַן אַנטשלאָסענע. די בונקערס אויף לעשנע 76 און 78, ווו עס געפינט זיך אַ פּראָלעטאַרישער עלעמענט, שטעלן אַ האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד, נישט געקוקט אויף די ידיעות וועגן דעם גורל פון דער שכנותדיקער פּאָזיציע אויף לעשנע 74. סטראָאָפּ פירט אַרײַן אויף דעם געביט פרישע פאַרשטאַרקונגען און אין דער נאַכט פון 28טן אויפן 29טן אַפּריל לאָזט ער אין גאַנג אַעראָפּלאַנען, וועלכע וואַרפן אַראָפּ באָמבעס. היות דער אַקטיווער און פּאַסיווער ווידערשטאַנד אין שולצס פאַבריק דויערט דעם 29טן אַפּריל ווײַטער, דעצידירט זיך סטראָאָפּ צו קאָנצענטרירן די גרעסטע כוחות אויף דעם אָפּשניט און אין משך פון דרײַ טעג אַ סוף צו מאַכן מיט דעם ווידערשטאַנד, וואָס פאַרציט זיך שוין, לויט זײַן מיינונג, צו לאַנג.

די נאַכט פון 28טן אויפן 29טן אַפּריל איז ווידער אַן אומרויִקע. נישט בלויז וואָס עס זענען טעטיק דעם שונאס אַעראָפּלאַנען, נאָר אויך די קעמפערס בלײַבן נישט אָפּהענטיק. אויפן געביט פון צענטראַלן געטאָ קומען ווידער פאָר נאַכטאָנפאַלן אויף די פּאַטראָלירנדיקע עס־עס־לײַט. און ווען עס שטייט אויף אַ פרישער פרימאָרגן, וואָס איז ענלעך צו אַלע פריִערדיקע, ראַנגלען זיך ווײַטער די פאַרטיידיקערס פון לעשנע קעגן די איבערוועגנדיקע קרעפטן פונעם שונא. אָבער דאָס איז שוין אַ שווערער געראַנגל. די כוחות הייבן אָן אויסצוגיין. עס פעלט דעמאָלט דער באַשלוס: — אין הסכם מיט דער אָנפירונג פון דער פאָלקסגוואַרדיע — אַרויסצונעמען אַ טייל קעמפערס פון די אונטערגייענדיקע פּאָזיציעס אויף לעשנע, כדי זיי אַריבערצוּוואַרפן הינטער וואַרשע, ווו זיי וועלן זיך

---

1) דער אין אַלגעמיין נישט שלעכט אינפאָרמירטער פּוילישער אונטערערדישער כראָניקער, דער עקאָנאָמיסט לודוויק לאַנדוי, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ ווערטפולן טאָגבוך, פאַרצייכנט אויך בײַ זיך דעם 28טן אַפּריל וועגן אַ קאַמף וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט אַ טאָג פריִער אין דער געגנט פון סאַפּיעזשינסקע. ער מיינט געוויס דערמיט דעם קאַמף אויף מוראַנאָוו, וועגן וועלכן עס ראַפּאָרטירט סטראָאָפּ. דאָס וואָס לאַנדוי שרײַבט דאָ וועגן סאַפּיעזשינסקע, איז אפשר אַ רעמיניסצענץ פון דער שלאַכט אויף סאַפּיעזשינסקע דעם 20טן אַפּריל.

קאָנען אָנשליסן אין די פּאַרטיזאַנישע רייען פון דער „גוואַרדיאַ לודאָווא".

די עקספּעדיציע, וועלכע איז אָרגאַניזירט און צוגעגרייט געוואָרן דורך דעם פּפּ"ר־פּאָרשטייער פראַנציישעק לענטשיצקי („בראָדאַ") און דעם קאָמאַנדיר פון דער פאָלקסגוואַרדיע יוזעף סאַלעצקי („סענק"), ווערט דורכגעפירט דורך דעם שרעקלאָזן גוואַרדיסט וולאַדיסלאַוו גאַיק („קשאַטשעק"). אַ גרופּע פון פערציק געטאָ־אויפשטענדלערס פון לעשנע און פון די שכנותדיקע פּאָזיציעס ווערט אַרויסגעפירט דורך די פאָלקסגוואַרדיסטן מיטן שווערן וועג פון די אונטערערדישע קאַנאַלן ביזן עק אײַזן־גאַס און אָגראַדאָווע, ווו זיי גייען אַרויס און ווערן איבערגעפירט אינעם וועלדל אין לאָמיאַנקע, הינטער וואַרשע. דאָ דאַרפן זיי זיך אויסרוען און צוזאַמען מיט די ווײַטערדיקע גרופּעס, וואָס וועלן נאָך ווערן אַרויסגעפירט, אָנשליסן זיך אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג.

בעת דער דאָזיקער עקספּעדיציע איז געשען אַ פאַל, וואָס איז ווערט צו ווערן אונטערגעשטראָכן מחמת דער הויכער מדרגה פון קעגנזײַטיקער חברישער קרבנותפולקייט, וואָס האָט דורכגעדרונגען די יִדישע קעמפערייען. די מיטגלידער פון דער יִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ,די יונגע רעגינע פודען און שלמה באַרטשינסקי, זענען ,נאָכן דורכמאַכן דעם איבערמענטשלעכן וועג פונעם קאַנאַל, מיטן אייגענעם ווילן צוריקגעגאַנגען, כדי צו ווײַזן דעם וועג און אַדורכפירן די קעמפערס וואָס זענען געבליבן אין געטאָ. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ פולן דין וחשבון פון זייער קרבן. און פון דעסט וועגן האָט זיי קיין שום זאַך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן. צוריק זענען זיי שוין נישט געקומען. וואָרעם אין צווישן האָט זיך די ידיעה וועגן די ערשטע אַרויסגעפירטע אויפשטענדלערס פאַרשפּרייט בליץ שנעל, און סטראָאָפּ האָט באַפוילן אויפצורײַסן עטלעכע קאַנאַל־אַרויסגענג. דער איצטיקער וועג איז שוין געווען אָפּגעשניטן. די פאָלקסגוואַרדיע האָט גענומען זוכן אַנדערע ערטער, כדי צו קאָנטינויִרן די רעטונג־אַקציע.

עס איז קלאָר אַז בײַ אַזאַ לאַגע, ווען קעגן די אויף די פּאָזיציעס פאַרבליבענע אויפשטענדלערס האָבן זיך צוזאַמענגעשוווירן די גלענצנדיק באַוואָפנטע קרעפטן פון די היטלעריסטן און די נישט־געצווימטע סטיכיע פונעם אַלץ־פאַרשלינגענדיקן פײַער, האָט זיך בײַ אַ ריי פּוילישע אָבסערוואַטאָרן פון די געשעענישן אין געטאָ געקענט דערוועקן דער אײַנדרוק, אַז די קאַמפן דערנענטערן זיך צו זייער טראַגישן סוף. אַזוי האָט, למשל, אין יענע טעג, אָפּגעשאַצט דעם מצב דער זייער גינסטיקער פאַר די אויפשטענדלערס פּוילישער כראָניקער לודוויק לאַנדוי. אַזוי האָט זיך אויך געריכט דער אָנפירער מיט דער ליקווידיר־אַקציע סטראָאָפּ. אַזוי האָט געקענט דיקטירן דער קאַלטער שכל. אָבער די דעציזיע פון די יִדישע קעמפערס איז געווען אַ האַרטע. נישט געקוקט אויף אַלץ און אַלעם, נישט געקוקט אויפן געוואַלדיקן בלוטאָפּפלוס, האָט דער אַקטיווער ווידערשטאַנד אויפגעפלאַקערט אויף ס'נײַ. דעם 30טן אַפּריל מוז סטראָאָפּ ווידער אָנערקענען, אַז „בײַ נאַכט גייען באַוואָפנטע יִדן אַרויס פון די באַהעלטענישן אָדער בונקערס און דראָען די יִדן מיט דערשיסן אין פאַל, זיי וועלן זיך אויף אַ וועלכן נישט איז אופן אַנטפלעקן". דעם ערשטן מײַ און אויך אין משך פון די ווײַטערדיקע טעג האָט דער אויפשטאַנד אַ שטײַג געטאָן מיט פרישע גרויסע העראָישע מעשים.

...די רויטע פאָן, וואָס האָט געפלאַטערט איבערן בונקער פון אַ יִדישער קאַמפּסגרופּע אויף מילע־גאַס אין די ערשטע טעג פונעם אויפשטאַנד, איז געווען נישט בלויז אַ סימבאָלישער אויסדרוק פון די געפילן וואָס האָבן דורכגעדרונגען די קעמפערס פון וואַרשעווער געטאָ. אין די סאַמע שווערסטע מינוטן פון זייער איבערמענטשלעכן געראַנגל האָבן די געטאָ־אויפשטענדלערס טיף אַדורכגעלעבט זייערע אינטערנאַציאָנאַליסטישע געפילן. אָט דער באַוווסטזײַן, אַז זיי זענען אַ טייל פון דעם ריזיקן לאַגער פון דער לײַדנדיקער און קעמפנדיקער מענטשהייט, האָט די יִדישע געטאָ־קעמפערס צוגעגעבן כוח אויסצוהאַלטן די גאַנצע צײַט פון נסיון און אויך אויפן לעצטן עטאַפּ. איינער פון די שענסטע אויסדרוקן פון דעם אינטערנאַציאָנאַליסטישן באַוווסטזײַן און געפיל פון די לעצטע פאַרטיידיקערס פונעם יִדישן כבוד אין וואַרשעווער געטאָ איז געווען דער באַזונדער אַקצענטירטער אויפן ווי זיי האָבן אויפגענומען דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאַמפּס־יום־טוב פון אַרבעטער־קלאַס ,דעם ערשטן מײַ.

אַ מערקווערדיקער איז געווען דער ערשטער מײַ 1943 אין אָקופּירטן פּוילן בכלל און אין ברענענדיקן געטאָ בפרט. אין זײַן ערשטמאַיִקן אויפרוף האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי גערופן דאָס פאָלק צו בויען דעם אַנטיפאַשיסטישן קאַמפּספראָנט און צום נאַציאָנאַלן באַוואָפנטן אויפשטאַנד. מיט אַ באַזונדערער אונטערשטרײַכונג דערמאָנט דער אויפרוף דעם אויפשטאַנד אין געטאָ און רוקט אַרויס דעם קאַמף פון תלינים" — זאָגט זיך אינעם אויפרוף. — „אויך די יִדן אין וואַרבלוטיקער און פאַרדינטער נקמה ווענדן זיך קעגן די היטלעריסטישע תלינים — זאָגט זיך אינעם אויפרוף. —" אויך די יִדן אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט האָבן, זעענדיק דורך און דורך די פּערפידיע פון די היטלעריסטישע רוצחים ,זיך געשטעלט העלדיש און ווירקזאַם צום קאַמף". „און אין אַנדערע שטעט" — דאָס מיינען די מחברים פונעם ערשטמײַיִקן אויפרוף געווים די ערשטע אַקטיווע זעלבשוץ פון די יִדן אין ביאַליסטאָקער געטאָ (5—12 פעברואַר 1943), די העלדישע אַקטן פון דער יִדישער יוגנט אין קראָקע און דאָס מאַסן־לויפן צו די פּאַרטיזאַנערס אין אַ ריי שטעטלעך אין לובלינער און וואַרשעווער געגנט.

מיט פאַרשידענע קאַמפּסאַקציעס האָט די פאָלקסגוואַרדיע אין וואַרשע אָפּגעמערקט דעם יום־טוב פון די אַרבעטנדיקע מאַסן.

אין פלאַקערנדיקן געטאָ איז דער ערשטער מײַ אַדורך אונטערן צייכן פון אויפגעשטיגענע קאַמף־אַרויסטריטן. געווים האָט מען אין אַלע בונקערס, ווו עס האָט נאָר געטליִעט אַ פלאַם פון ווידערשטאַנד, געהייליקט דעם רויטן קאַמף־יום־טוב מיט אַקטיווע מעשים. אונדז איז באַקאַנט, ווי אַזוי עס האָבן געהאַנדלט די פּאַראייניקונגען פון די קאַמפּסגרופּעס אין דרײַ דעמאָלטיקע צענטערס פונעם אויפשטאַנד: אויפן אָפּשניט לעשנע־נאָוואָליפּיע־סמאָטשע, אינעם צענטראַלן בונקער פון דער יִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויף מילע 18 און אויף פראַנציישקאַנער.

אין דער נאַכט פון 30טן אַפּריל אויפן ערשטן מײַ, ערב דעם יום־טוב, האָבן עטלעכע קאַמפּסגרופּעס אַטאַקירט די דײַטשע פּאַטראָלן אויפן אָפּשניט לעשנע 76—נאָוואָליפּקיע 69. בעת די צוזאַמענשטויסן זענען געפאַלן קרבנות אויף ביידע זײַטן. אויף צו מאָרגנס האָבן די קעמפערס, וואָס האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין אַ פרישן בונקער אויף לעשנע 74, אינעם זעלביקן הויף ווו עס איז דעם 27טן אַפּריל פאָרגעקומען די אויבן באַשריבענע שלאַכט, אָנגעשטעלט אַכט אין דער פרי דעם ראַדיאָ אויף מאָסקווע און זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די ווערטער פון סטאַלינס ערשטמײַיִקן באַפעל. דערנאָך האָבן זיי אײַנגעאָרדנט אַ מערקווערדיקע אַקאַדעמיע. אַלע 17 אָנוועזנדיקע קעמפערס האָבן זיך

אַרײַנגעשטעלט אין די קליאַפּעס רויטע גוואַנטבלימעלעך און אויסגעהערט דעם ראַפּאָרט פונעם אַלטן קאָמוניסטישן טוער שכנא פײַנגאָלד. אַלע האָבן אַרויסגעפילט — שילדערט אָט די אויסנאָמיקע ערשטמײַיִקע פײַערונג דער עד־ראיה בערנאַרד באָרג — די גאַנצע אויסערגעוויינלעכקייט, דעם גאַנצן טראַגיזם פון דער לאַגע, און איינצײַטיק האָבן די ווערטער פונעם רעפערענט אַרויסגערופן אַזוי פיל דערהייבענע געפילן: „אונדזער קאַמף וועט האָבן אָן שום צווייפל אַ גרויסן היסטאָרישן באַטײַט נישט בלויז פאַרן ייִדישן פאָלק, נאָר אויך פאַר דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון גאַנץ אייראָפּע, וואָס קעמפט קעגן היטלעריזם". דער רעפערענט — דערציילט ווײַטער דער עד־ראיה — האָט יעדן איינעם צוגעגעבן מוט און פאַרשטאַרקט דעם באַוווּסטזײַן אַז פריִער אָדער שפּעטער מוז דער היטלעריזם פאַרניכטעט ווערן. עס וועט לײַכטער זײַן צו שטאַרבן מיטן באַוווּסטזײַן פון דעם אומפאַרמײַדלעכן אומקום פון דעם שונא. „האַלטנדיג דאָס געווער אין דער האַנט, האָבן מיר שטיל געזונגען: דאָס וועט זײַן שוין דער לעצטער!". זינגענדיק דעם „אינטערנאַציאָנאַל", האָבן מיר אַלע געפילט אַז עס דערנעענטערט זיך אונדזער סוף".

אויף אַן ענלעכן אופן איז געפײַערט געוואָרן דער ערשטער מײַ אינעם בונקער אויף מילע 18. כדי צו אַקצענטירן די אַנדערשקייט פון דעם געיומטובטן טאָג, האָבן די קעמפערס פון מילע 18 באַשלאָסן דאָס מאָל אָנצוגרײַפן דעם שונא נישט בײַ נאַכט, נאָר אין מיטן העלן טאָג. פאַר מיטאָג האָבן זיי מיט אַן אומגעריכטער אַטאַקע צעטריבן אַ גרופּע פונעם שונא פאַרן הויז פון נאַלעווקעס 47. די אויפשטענדלערס האָבן געטראָגן מיליטערישע העלמען, וועלכע זיי האָבן בעת די פריִערדיקע קאַמפן דעראָבערט בײַ די פעלקערמערדערס. אַ דאַנק דעם האָט זיך דער שונא לכתחילה נישט געקאָנט אָריענטירן און איז זיך בײַם ערשטן זעץ צעלאָפן, איבערלאָזנדיק אויפן פּלאַץ דרײַ טויטע. אין אַ קורצער צײַט אַרום זענען די היטלעריסטן צוריקגעקומען און געעפנט אויף די ייִדן אַ פײַער פון אַלע זײַטן. אָבער די אויפשטענדלערס האָבן זיך בעסער אַן עצה געגעבן אין דעם געביט, וואָס איז געווען פול מיט חורבות און לעכער. אָן פאַרלוסטן האָבן זיך די ייִדישע נקמה־נעמערס צוריקגעקערט אין זייער אונטערערדישער באַזע.

לפי ערך אין דער זעלביקער צײַט זענען אַרויס ייִדישע באַוואָפנטע גרופּעס פונעם באַפעסטיקטן בונקער אויף פראַנציסקאַנער 30 און אויסגעפירט אַן ענלעכע קאַמפּס־אויפגאַבע. אין אָוונט, נאָך די דורכגעפירטע נקמה־אַקטן, האָט די גרופּע אויסגעהערט אַ פײַערלעכן אַפּעל לכבוד דעם ערשטן מײַ און אָפּגעזונגען בשתיקה דעם „אינטערנאַציאָנאַל". „קיין מאָל איז נאָך דער „אינטערנאַציאָנאַל" נישט געזונגען געוואָרן אין אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע, טראַגישע באַדינגונגען — שטרײַכט אונטער דער עד־ראיה מאַרעק עדעלמאַן —, אין אַן אָרט ווו עס איז אומגעקומען און עס גייט אונטער דאָס פאָלק; די דאָזיקע ווערטער און דער געזאַנג האָבן זיך אָפּגעשלאָגן פון די פאַרברענטע חורבות, באַשטעטיקנדיק דאָס מאָל אַז אין געטאָ קעמפט אַ יוגנט, וועלכע פאַרגעסט נישט וועגן דעם (וועגן ערשטן מײַ — ב. מ.) אַפילו אין אָנבליק פון טויט".

די פּלוצעמדיקע אַרויספאַלן פון דער „ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע" דעם ערשטן מײַ האָבן אַלאַרמירט דעם שונאס שטאַב. פון בײַטאָג אָן הייבן אָן די היטלעריסטן אַ מערדערלעכע קאַנאָנאַדע אויף די געטאָ־חורבות. סטראָאָפּ חזרט איבער אַ נײַס איבער זײַן טאַקטיק: ער נעמט צונויף אַ טייל פון זײַנע כוחות אין אַ פויסט און טוט אַ שלאָג אין אַ באַשטימטן פּונקט. די רעשט פון זײַנע איינהייטן וואַרפט ער דורכצונישטערן פאַרשידענע געביטן פונעם געטאָ. דאָס מאָל איז דער צענטראַלער קלאַפּ ווידער געקערעוועט קעגן די פּאָזיציעס פון די אויפשטענדלערס אויף לעשנע 76 און 78. די ייִדישע קעמפערס שטעלן אַ פאַרביסענעם ווידערשטאַנד. אַז דעם ערשטן מײַ האָבן געוואָלט אָפּמערקן מיט אַ פאַרשטאַרקטן קעגנשטעלן זיך ייִדן פון פאַרשידענע פּונקטן, זאָגן עדות די ווײַטערדיקע פאַקטן, וואָס עס פאַרנאָטירט סטראָאָפּ: אין די טראַנספּאָרט־רייען איז געקומען צו אַ קאַמפּס־אַרויסטריט; אַ געכאַפּטער ייִד אינעם טראַנספּאָרט גיט אָפּ צוויי שאָסן צו פּאָליציי־אָפיצירן; און בײַם אַרויסגאַנג פון אַ קאַנאַל האָט אַ ייִד אַוועקגעשטעלט אַן אויפרײַס־לאָדונג, וואָס איז אונטערגעלייגט געוואָרן דורך די עס־עס־לײַט, מיטן ציל אויפצורײַסן די קאַנאַללאָך.

רעכענענדיק זיך מיט אַן אויפשטײַג פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, פאַרשטאַרקט סטראָאָפּ בײַ נאַכט זײַנע כוחות אין געטאָ.

דעם ערשטן מײַ האָט זיך אויך אָנגעהויבן איינע פון די גרעסטע און בלוטיקסטע שלאַכטן אינעם אויפשטאַנד. דאָס איז געווען דער קאַמף אויף פראַנציסקאַנער 30, וועלכער זאָל האָבן געדויערט מיט איבעררײַסן דרײַ טעג צײַט.

אין דעם גרויסן בונקער אויף פראַנציסקאַנער 30 האָבן זיך צונויפגענומען עטלעכע קאַמפּסגרופּעס — אַן אָרטיקע און די לעבן געבליבענע פון דעם בערשטער־געביט און צום טייל פון נאַלעווקעס. נישט געקוקט אויף די שווערע קאַמפן וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט און אויף דעם באַדײַטנדיקן בלוטאָפּפלוס, האָבן די גרופּעס געאָטעמט מיטן דעצידירטן ווילן צו קאָנטינויִרן דעם באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. מען האָט זיך געגרייט צום ווײַטערדיקן קאַמף, און איינצײַטיק איז געפירט געוואָרן אַ פּאָליטיש־אויפקלערערישע אַרבעט. טראָץ דעם וואָס די לאַגע איז געווען אַ טראַגישע, וואָס אין איינעם מיט די קעמפערס און געזונטע ציווילע מענטשן זענען געלעגן שווער קראַנקע און אַפילו גוססדיקע, בתוכם דער געטאָ־כראָניקער שמואל ווינטער, דער היסטאָריקער טולאָ ניסענבלאַט א"אַ, איז אָבער דער גײַסט פון די אויפשטענדלערס נישט געווען געבראָכן. עס איז מערקווערדיק: די הויפּטשמועסן האָבן זיך געדרייט אַרום דער לאַגע אויפן מיזרח־פראָנט, אַרום די ריכטונגען פון דער קאָנטראָפענסיווע פון דער סאָוועטישער אַרמיי. די מענטשן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון זייער טראַגישער לאַגע, פון דעם אַז עס רוקט זיך אָן דער סוף, אָבער זיי האָבן געזאָגט — ווי עס גיט איבער אַן עד־ראיה: און פון דעסט וועגן איז לײַכטער צו שטאַרבן מיטן באַוווּסטזײַן, אַז די היטלעריסטישע מפּלה איז אומפאַרמײַדלעך.

עס האָבן זיך דאָ, אויף פראַנציסקאַנער 30, קאָנצענטרירט די שלאַכט־דערפאַרענע קאַמפּסגרופּעס פון די קאָמאַנדירן: יורעק גרינשפּאַן, יורעק בלאָנעס, מאַרעק עדעלמאַן, הענעק גוטמאַן און הערש בערלינסקי.

ווען דער שונא איז צוגעטראָטן „דורכצוקעמען" דעם געביט פון דער פראַנציסקאַנער גאַס, האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף דעם אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד מצד די דאָזיקע גרופּעס פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

די אויפשטענדלערס האָבן דאָ אָנגעווענדט די טאַקטיק וואָס האָט, ווי ס'איז שוין באַמערקט געוואָרן, געבראַכט אַ דערפאָלג בעת די יאַנואַר־געשעענישן. כדי צוצושמידן די אויפמערקזאַמקייט פון דער ליקווידאַטאָרישער אָפּטיילונג צום בונקער גופא, האָבן די ייִדן געענטפערט אויפן ערשטן דײַטשן גראַנאַטן־אָנגריף מיט אַ קוילן־שיסערײַ, און אין דער זעלביקער צײַט איז אַ גרופּע אַרויס

פונעם בונקער דורך א הינטערגאַנג און אַטאַקירט דעם שונא מן־הצד; אַזוי אַרום זענען די פעלקערמערדערס גענומען געוואָרן אין צוויי פייַערן. נאָך א לענגערן קאַמף האָט זיך דער שונא צוריקגעצויגן, צונעמענדיק מיט זיך די דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. בייַם אָנפאַל פון הינטן־אַרום אויף דער היטלעריסטישער אָפּטיילונג האָבן זיך אויסגעצייכנט אברהם דיאַמענט („אברהם קאַפּראַל"), איינער פון די בעסטע שיסערס פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, און דער יונגער קעמפער אברהם אייגער, וועלכער האָט באַשאָסן די דייַטשן פון א הויכן שטאָק און זיך נישט אונטערגעגעבן, הגם ער איז געוואָרן אַרומגערינגלט, אויסגעהאַלטן אויפן פּאָסטן ביזן לעצטן אָטעם; ער איז אַראָפּגעפאַלן פון זייַן פּאָזיציע אין גאַנצן א דורכגעלעכערטער ווי א זיפּ דורך דעם שונאס קוילן.

דאָס איז געווען דעם ערשטן מייַ.

אויף צו מאָרגנס האָבן זיך די פאַשיסטן געיאָוועט מיט פאַרשטאַרקטע כוחות. די ייִדן האָבן מיטן גרעסטן אָנשטרענג און מיט באַדייַטנדיקע קרבנות אָפּגעשטויסן די פייַער־אַטאַקעס. עס זענען שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין די שלאַכטן די קאָמאַנדירן מאַרעק גרינשפּאַן און הענעק גוטמאַן.

נישט קענענדיק נעמען דעם בונקער מיט כוח, האָט דער שונא דעם דריטן מייַ אַרייַנגעלאָזט גאַז. די קעמפערס האָבן פאַרבאַריקאַדירט דעם אַרייַנגאַנג מיט פאַרשידענע ציגל און שטיינערברוך; דער ציל איז געווען: אַרויסשלייַכן זיך דורך א זייַטיקן אַרויסגאַנג אָן פאַרלוסטן. אין לעצטן מאָמענט איז אָבער געקומען צו א שלאַכט פּנים־אל־פּנים. די ייִדישע קעמפערס האָבן אַרויסגעוויזן א הויכע מדרגה פון העלדישקייט. ווייַזט אויס, אז דאָס דאָזיקע פראַנציסקאַנער געביט איז אויסן סטראָאָפּ אין זייַן ראַפּאָרט, ווען ער רעדט וועגן דעם, אז די ייִדן האָבן געשאָסן אין די דייַטשן פון צוויי פּיסטאָלעטן, וואָס זיי האָבן געהאַלטן גלייַכצייַטיק איןביידע הענט. דער הויפּט־ליקווידאַטאָר שטרייַכט אונטער די באַזונדערע פאַרביסנקייט פון די ייִדישע קעמפערינס. פון ייִדישע קוואַלן ווייסן מיר, ווי שטאַרק עס האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער שלאַכט אויף פראַנציסקאַנער איינער פון די יינגסטע אויפשטענדלערס שנאַן לענט, וואָס האָט דאָ א העלדנטויט געפונען, ווי מוטיק עס האָבן זיך געראַנגלט די קעמפערינס דבורה באַראַן, צפורה לערער און צענדליקער אַנדערע. פּופּציק פּראָצענט קעמפערס זענען געפאַלן אין שלאַכט. דערפאַר איז אָבער די דייַטשן נישט געלונגען אַרויסצופירן פון דאָרטן צום טראַנספּאָרט קיין איין ייִד! די לעבן געבליבענע קעמפערס האָבן באַוויזן זיך צוריקצוציִען פון פראַנציסקאַנער דורך זאַמענהאָף אויף מילע 18, אינעם צענטראַלן בונקער פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

בעת דעם דאָזיקן וועג איז אויף זאַמענהאָף־גאַס אויסגעגאַנגען דער שווער פאַרוווּנדעטער קאָמאַנדיר יורעק גרינשפּאַן, איינער פון די העלדן פון די גרויסע שלאַכטן אויפן בערשטערגעביט און אויף פראַנציסקאַנער 30.

דעם צווייטן מייַ האָט זיך מיט רומפּולע אותיות אַרייַנגעשריבן אין דער געטאָ־אויפשטאַנד־געשיכטע נישט בלויז די פראַנציסקאַנער גאַס, נאָר אויך דאָס סטאַווקע־געסל. אין דעם טאָג האָט סטראָאָפּ די אייַזערנע פויסט פון א שטאַרקער איינהייט אַראָפּגעלאָזט אויך אויף די פאַבריקן „טראַנסאָוויאַ" (סטאַווקע 36) און „וויִשניעווסקי־סערערסקי" (סטאַווקע 51). ווי עס שטעלט פעסט דער עס־עס־גענעראַל אין זייַן טאָגראַפּאָרט, האָבן די ייִדן דאָ געשטעלט א ווידערשטאַנד, און א סך מענטשן זענען געפאַלן אין קאַמף.

אויפן געביט פון דער „טראַנסאָוויאַ"־פאַבריק, וואָס האָט אויסגעאַרבעט טיילן צו אַעראָפּלאַנען, האָט מיט די קאַמפּסגרופּעס אָנגעפירט דער באַקאַנטער פּפּ"ר־טוער אפרים (עדוואַרד) פאָנדאַמינסקי. דאָ זענען געווען סייַ דירעקטע גרופּעס פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, סייַ לויזע בונקער־גרופּעס. עדי־ראיה דערמאָנען עטלעכע נעמען פון אָרטיקע קאָמאַנדירן ,און נעמלעך: דער מעטאַל־אַרבעטער הערש רובינשטיין, דער אינזשעניר גאָלדבערג, און אַנדערע. ווי עס האָט איבערגעגעבן דער פאַרמשפּטער עס־עס־גדול פראַנץ קאָנראַד, האָבן די פאַרטיידיקערס פון „טראַנסאָוויאַ" אָרגאַניזירט א שטורעם־אָנפאַל אויף דער דייַטשער באַריקאַדע, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַנטקעגן־איבער, כדי צו באַמבאַרדירן דאָס געביט. נאָכן אויספילן די שלאַכט־אויפגאַבע האָט זיך א טייל קעמפערס מיט פאָנדאַמינסקין בראש אַדורכגעריסן אויף מילע־גאַס און זיך פאַראייניקט מיט די הויפּט־כוחות פון דעם „זשאָב" אין דעם צענטראַלן בונקער אויף מילע 18.

דעם 2טן מייַ — ראַפּאָרטירט סטראָאָפּ צו זייַן שעף אין קראָקע — האָבן די ליקווידיר־אָפּטיילונגען אָנגעטראָפן אויף א ווידערשטאַנד אין זיבן און צוואַנציק בונקערס.

צו א גרעסערער שלאַכט איז אויך געקומען בייַם אַרויסגאַנג פון א קאַנאַל. אין דער דאָזיקער פּנים־אל־פּנים־שלאַכט זענען די היטלער־לייַט געווען קנאַפּע העלדן; זיי האָבן דאָ — נישט געקוקט אויף זייער איבערגעוויכט — געליטן א שווערן פאַרלוסט פון זיבן מאַן.

אין משך פון דעם גאַנצן טאָג האָבן די געטאָ־אויפשטענדלערס פאַרטיידיקט יעדן שפּאַן ערד, פון די קעלערס און נידעריקע שטאָקן זענען זיי אַריבערגעגאַנגען צו די העכערע גאָרנס, און — געיאָגטע דורך דעם מערדערישן פייַער פונעם שונא — אַרויף אויף די דעכער און געזימסן. איין שלאַכט האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף די דעכער פון דעם בנין פון דער דייַטשער פירמע שלעגעל. דאָס אַלץ האָט געהאַט א געלעגנהייט צו אָבסערווירן נישט בלויז סטראָאָפּ, נאָר אויך זייַן „הויכגעשטעלטער" גאַסט און שעף, דער העכערער עס־עס־ און פּאָליציי־פירער איבער דער גאַנצער גענעראַל־גובערניע קריגער, וואָס האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט אויף אַן אינספּעקציע, כדי אַפּנים פערזענלעך זיך צו באַקענען אויפן אָרט מיט די שוועריקייטן בייַם דערשטיקן דעם ייִדישן אויפשטאַנד און בייַם ליקווידירן דאָס געטאָ.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן אז נישט מיט קיין לייַכט געמיט האָט קריגער פאַרלאָזט וואַרשע. אויף צו מאָרגנס, דעם דריטן מייַ, האָט ער טאַקע גלייַך באַקומען ווידער א באַאומרויִקנדיקן ראַפּאָרט; סטראָאָפּ האָט מיטגעטיילט אז בייַם דעראָבערן נייַנצן בונקערס האָבן די ייִדן איבער א נייַם געשטעלט א ווידערשטאַנד מיט געווער אין האַנט. אין דער נאַכט פון דריטן אויפן פערטן מייַ האָבן זיך ווידער באַוויזן אין די פינצטערע און חרובֿע גאַסן גאַנצע גרופּעס באַוואָפנטע קעמפערס, וועלכע האָבן מאַרשירט אָפן אין געשלאָסענע רייען.

עס האָט אויך נישט שטענדיק געהאָלפן די פעלקערמערדערס דאָס אויפרייַסן די קאַנאַלן. טראָץ אַלעמען האָבן זיך א סך ייִדן אַדורכגעריסן. מען דאַרף אָננעמען אז סייַ פון צווישן די ייִדן, וואָס זענען אַרויס דורך פאַרשידענע קאַנאַלן, סייַ פון צווישן די געטאָ־אסורים, וועלכע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן דעם 22טן און 23טן אַפּריל דורך מוראַנאָווער פּלאַץ, פּרעטאַ־גאַס, סאַפּיעזשינסקע, האָבן זיך רעקרוטירט די קליינע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען הינטער וואַרשע, וועגן וואָס עס טיילן מיט אַזוי אָפט די „טעגלעכע

שנעלמעלדונגען" פון דער זשאנדארמעריע, למשל — די „שנעל-מעלדונגען" פון 2טן, 4טן און פון 7טן מײַ, ווּו עס איז אַ רייד וועגן דער באַלעבטער פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט פון ייִדן און פּאַליאַקן אין מארקי, אורסינוווּעק, פּאַלעניץ און אַנדערע פּונקטן הינטער ווארשע. די זשאנדארמעריע־פּאָסטנס אַלאַרמירן, מאַכן אַבלאַוועס, רופן ארויס צו הילף אָפּטיילונגען פון דער ווערמאַכט.

די דאָזיקע אַלאַרמען פון דער זשאנדארמעריע פון דער נאָענטער ווארשעווער פּראָווינץ ווערן צודרינגלעכער מיטן מאָמענט ווען עס הייבן זיך אָן די אָנפאַלן פון דער סאָוועטישער אוויאַציע, וואָס דערנענטערן זיך אַלץ מער צו ווארשע. די ערשטע סיגנאַלן פון די אָנפאַלן קומען אָן קיין ווארשע אין דער נאַכט פון 4טן אויפן 5טן מײַ. די דײַטשע זעניט־אַרטילעריע שטעלט אָבער אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד און טוט אַלץ נישט דורכצולאָזן די סאָוועטישע עראָפּלאַנען קיין ווארשע. די אונטערערדישע פּרעסע שרײַבט אַז די אָנגריפן פון דער סאָוועטישער אוויאַציע זענען דיקטירט מיטן ווילן פון קומען צו הילף די קעמפנדיקע ייִדן אין געטאָ. צו דעם ענין וועלן מיר זיך נאָך אומקערן אַ ביסל שפּעטער.

...און דערווײַל הערן נישט אויף די שלאַכטן אין ברענענדיקן געטאָ. דעם 4טן מײַ הערן מיר ווידער וועגן די אויפטוען פון די אויפשטענדלערס אויף לעשנע־גאַס. עס איז שוין אָבער קאָנטיק אַז בײַ די פּאַרטיידיקערס פון לעשנע גייען אויס די כוחות. די פיר טעג פון 4טן ביזן 7טן מײַ אײַנגעשלאָסן ברענענדיקע די לעצטע קאַמפן אויף דעם דאָזיקן אויפשטאַנד־אָפּשניט, וואָס האָט זיך אַזוי שיין אַרײַנגעשריבן אין דעם לעצטן קאַפּיטל פון ווארשעווער געטאָ. ווײַזט אויס אַז סטראָאָפּ האָט פעסט באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן מיט דעם ווידערשטאַנד אויף לעשנע, סמאָטשע און די שכונהדיקע גאַסן, וואָס זענען געלעגן צו נאָענט צו די נישט־ייִדישע וווינראַיאָנען. דעם 4טן מײַ 11 אין דער פרי טרעטן צו די דײַטשן צו אַ נייעם פאַרשטאַרקטן שטורעם־אָנגריף אויף די ייִדישע פּאָזיציעס אין די פאַבריקן פון טעבענס און שולץ. עס חזרן זיך דאָ איבער די בלוט־פאַרגליווערנדיקע סצענעס פון די אויפרײַסן און אונטערצינדרונגען. דער ייִדישער ווידערשטאַנד פאַרמאָגט אַ פאַרשידענעם פּאַרלויף. אָט ווערט ער שוואַכער, און אָט פלאַמט ער אויף מיט אַ פרישער קראַפט. אַזוי למשל פאַרשטאַרקט זיך דער ווידערשטאַנד אַרום צוויי אַ זייגער בײַ טאָג, ווי עס שטעלט פעסט אַ געניטער אָבסערוואַטאָר פון דער פּוילישער זײַט. עס איז פאַראַן אַ ווערסיע אַז די אויפשטענדלערס האָבן געהאַט בדעה איבערצוטראָגן דעם צענטער פון זייער פאַרטיידיקונג אין דעם גרויסן קאָשטשאַל־בנין אויף לעשנע; אַלן פאַלס איז באַוווּסט, אַז מען האָט דאָ געפונען מאַגאַזינירט געווער. אָבער קיין זיכערע באַשטעטיקונג פון דער ידיעה האָבן מיר נישט געטראָפן.

ביז שפּעט בײַ נאַכט דויערן די קאַמפן; האַלב צוועלף בײַ נאַכט רײַסט איבער סטראָאָפּ די אַקציע, כדי אויף צו מאָרגנס, דעם 5טן מײַ, זי צו באַנײַען. מיר פאַרמאָגן נישט, לײַדער, קיין באַשרײַבונג פון די קאַמפן אין משך פון 5טן מײַ, אָבער עס איז גענוג איבערצולייענען דעם ווײַטערדיקן זאַץ אין סטראָאָפּס טאָגראַפּאָרט: „אויך הײַנט האָבן די ייִדן, פאַרן איבערגעבן זיך אין געפאַנגענשאַפט, אין פאַרשידענע ערטער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד" — כדי צו פאַרשטיין אַז די קאַמפן זענען מצד די אויפשטענדלערס נישט געוואָרן איבערגעריסן. והראיה: דעם 6טן מײַ מוז סטראָאָפּ ווידער ארויסשטעלן פאַרשטאַרקטע כוחות קעגן די ייִדישע פּאָזיציעס אויף לעשנע. די היטלעריסטן זענען שוין אַצינד זיכער אַז די כאַפּערײַ און דער רויב וועלן זיי אָנקומען לײַכט, וואָרעם די הײַזער זענען שוין אויסגעברענט — ווּו קענען די ייִדן האָבן אָנשפּאַרפּונקטן פאַר זייער ווידערשטאַנד? און דאָך ברעכן אויס פרישע פײַער־צוזאַמענשטויסן. עס זעט אויס, ווי די אויפשטענדלערס וואָלטן אין משך פון דער נאַכט באַזאָרגט געוואָרן מיט פריש געווער און אַמוניציע. די ייִדן שלײַדערן ווידער אין די דײַטשן גראַנאַטן! עס זענען פאַראַן שפּורן, אַז דעם 6טן מײַ האָט אַ ייִדישע קאַמפּסגרופּע זיך באַמיט אַדורכצורײַסן פון וואָלינסקע־גאַס קיין לעשנע צו הילף די דאָרטיקע קעמפערס. עס זענען אויך פאַראַן סימנים, אַז ייִדן ,אַנטלאָפענע פון די לובלינער לאַגערן, זענען אָנגעקומען, באַזאָרגט מיט געווער, קיין ווארשע און געמאַכט באַמיִונגען אַרײַנצודרינגען אין געטאָ, וואַרשײַנלעך בײַ לעשנע, כדי זיך צו שטעלן אין די קעמפנדיקע רייען. עס ווײַזט אויך אויס, אַז דער היטלערשטאַב האָט זיך דעם זעלביקן טאָג געריכט אויף אַן אָנגריף מצד פּוילישע אַנטיפאַשיסטן פון דער אויסערלעכער זײַט, וואָרעם סטראָאָפּ באַפעלט ארויסצוזוכן פאַרשטאַרקטע שמירות טיפער אין דעם פּוילישן ראַיאָן.

דער 6טער מײַ איז געווען אַזוי אַרום אַ טאָג רײַך אין געשעענישן. דאָס איז אָבער אויך געווען דער לעצטער טאָג פון פאַרשטאַרקטן ייִדישן ווידערשטאַנד אויף די אײַנפאַלנדיקע פּאָזיציעס פון לעשנע.

דעם 7טן מײַ איז געקומען דער טראַגישער סוף. דער מאַנגל אין אַמוניציע, דער הונגער, דער כסדרדיקער בלוטאָפּפלוס — דאָס אַלץ האָט גורם געווען, אַז די כוחות זענען בײַ די לעצטע פאַרטיידיקערס אויסגעגאַנגען לגמרי. אָבער אין די סאַמע לעצטע מינוטן האָבן זיך די אויפשטענדלערס מוטיק פאַרטיידיקט — דאָס דרינגט ארויס סײַ פון די דײַטשע, סײַ פון די פּוילישע און סײַ פון די ייִדישע קוואַלן.

די ייִדישע קעמפערס האָבן ביזן לעצטן מאָמענט נישט פאַרלאָרן די האָפענונג, אַז עס וועט זיי געלינגען ארויסצוגיין מיטן אונטערערדישן טונעל אויף דער אַנטקעגנליגנדיקער זײַט פון דער גאַס, אויפן הויף לעשנע 71, וואָס האָט שוין געהערט צו דער „אַרישער" זײַט. אָבער דער פאַקט, וואָס דער שונא האָט צום סוף אַרײַנגעלאָזט גאַז, האָט צו נישט געמאַכט אַלע האָפענונגען. די לעצטע פּאָזיציעס אויף דער חורבער גאַס זענען געפאַלן.

אין דער זעלביקער לפי ערך צײַט זענען אויך געפאַלן די לעצטע קאַמפּפּאָסטנס פון די אויפשטענדלערס אויף סמאָטשע־גאַס. די ייִדן האָבן זיך פאַרטיידיקט ביזן סוף. אַ פּוילישער עדות, אַ פײַער־לעשער, וואָס איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס און איבערגעטראָגן ידיעות פון שלאַכטפעלד, האָט אונדז איבערגעגעבן אַ רירנדיק בילד פון דער בײַשפּיללאָזער גבורה פון די לעצטע ייִדישע פאַרטיידיקערס פון דער סמאָטשע. אָט לויפט אַ יונגער ייִד, און צוויי דײַטשן, באַוואָפנטע מיט אויטאָמאַטן, יאָגן זיך נאָך אים. זײַן אַרט לויפן דערווײַזט, אַז נישט ער אַנטלויפט, נאָר ער וויל אַרײַנפירן די שונאים אין אַ נעץ. ער שפּרינגט אײַליק ארויף אויף אַ הויכן שטאָק פון אַ האַלב רויִנירט הויז און דאָ כאַפּט ער בליץ שנעל ארויס אַ גראַנאַט און שלײַדערט אין די פאַרפאָלגערס: „די דײַטשן זענען געפאַלן, מיר זענען פון שרעק אַנטלאָפן, — איז זיך מודה דער פײַער־לעשער, — און דער אויפשטענדלער איז אַוועק אַ גאַנצער".

דער זעלביקער פּוילישער עדות גיט איבער, אַז פון סמאָטשע האָבן די קאַרעטעס פון רויטן קרייץ ארויסגעפירט בײַ אַ צען דערהרגעטע היטלעריסטן, שוין נישט רעכענענדיק די פאַרוווּנדעטע.



יוסף לעוואַרטאָווסקי פירער פון פפ״ר אין וואַרשעווער געטאָ,
גרינדער פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק.



אַדאַם מערעטיק סעקרעטאַר פון פפ״ר
אין געטאָ ביזן 30טן מײַ 1942



אַנאַסטאַצי קאָוואַלטשיק,
סעקרעטאַר פון וואַרשעווער
קאָמיטעט פון פפ״ר



לייב פײַוול („איגנאַץ") טוער פון פפ״ר
אין געטאָ, אָרגאַניזאַטאָר פון זעלבשוץ.
(געצייכנט י. רייזמאַן)



מרדכי אַניעלעוויטש, קאָמענדאַנט פון דעם געטאָ־אויפשטאַנד
(אומגעקומען דעם 8טן מיי 1943)



זכריה אַרטשטיין אַ קאַמפספּירער
פון זשאָב



הערש בערלינסקי (יעלען) שטאַבמיט־
גליד פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַני־
זאַציע (זשאָב)



לייב גרוזאַלץ אַ קאָמענדאַנט פון זשאָב



אַנדזשעי שמידט אָרגאַניזאַטאָר פון דער פּאָלקסגוואַרדיע אין געטאָ



יורעק ווילנער פאַרבינדלער פון דער
ייִדישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע (זשאָב)



דוד נאָוואָדוואָרסקי



שמואל ברעסלאַוו אַקטיוויסט פון אַנטי־
פאַשיסטישן בלאָק



עדוואַרד פאַנדאַמינסקי סעקרעטאַר פון פפ״ר אין געטאָ אין דער צײַט
פון אויפשטאַנד



יוסף קאַפּלאַן טוער פון אַנטיפאַשיסטישן
בלאָק אין וואַרשעווער געטאָ



שנאַן לענט
דער יונגסטער מיטגליד פון „זשאָב"



יעקב (קובאַ) דרײַער



ניוטע (ריווע) טייטעלבוים



לאָלאַ סלאָוויק געווי מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער יוגנט אין פוילן, אָרגאַ־ניזירערין פון דער אַרבעטער־יוגנט אין וואַרשעווער געטאָ



ליובאַ פּאָנדאַמינסקאַ פּפּ״ר־טוערין אין געטאָ



זאָפיאַ זאַטאָרסקאַ („זאָסיאַ") געווי מיטגליד פון דער קאָמי יוגנט אין פוילן, פאַרבינדלערין פון די ערשטע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס אין געטאָ.



העלענאַ ראַבינאָוויטש אַקטיוויסטין פון
פפ"ר אין געטאָ.



פרומקע פלאָטניצקאַ



מיראַ פוכרער מיטגליד פון זשאָב



דאָרקאַ גאָלדקאָרן אַקטיוויסטין פון
פפ"ר, זשאָב־פאַרבינדלערין



כאַנטשע פלאָטניצקאַ



רעגינאַ פודען מיטגליד פון זשאָב



זלמן פרידריך



אבראַשע בלום



לעאָן פײַנער („מיקאָלײַ") טוער פון
לינקן פליגל אין בונד
(פאָטאָגראַפירט בעת דער אָקופּאַציע)



יוחנן מאָרגענשטערן (שחר)



שכנא זאַגאַן



ישראל ליכטענשטײן



מיכאַל קלעפּפיש



ד״ר עמנואל רינגעלבלום



יאַנוש קאָרטשאַק (ד״ר הענריק גאָלד־
שמידט) מיט אַ גרופּע יִידישע יתומים
(דאָס בילד איז געמאַכט געוואָרן אין
יתומים־הויז אויף קראָכמאַלנע־גאַס,
ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה)



בלעטער פון ד״ר ע. רינגעלבלומס „נאָטיצן פון ווארשעווער געטאָ״



אַן אַקציע אין געטאָ



צום „אומשלאַג־פּלאַץ"



אומלעגאַלער שמוגל פון לע־
בנסמיטל דורך אַרבעטער פון
דער „אַרישער" זײַט אין געטאָ
אַרײַן.



ווארשעווער ייִדן אויף צוואַנגאַרבעט



אַן אַלטער ייִדישער אַרבעטער אין געטאָ.



סיברענט די גאַרבערײַ אויף אָקאָפּאָווע־גאַס, אונטערגעצונדן פון די דײַטשן.




„שטיין בלײַבן! פאַרבאָטענער געביט!" ווען מען מיוועט אָנטרעפן
אַרײַנגיין אין געטאָ אָן אַ פּאַטירשײַן וועט דערשאָסן ווערן.



נאָך אַן אַטאַקע דרינגען די דײַטשן אַריין אין די חורבות פון געטאָ



גענ. סטראָפּ מיט זיין מיליטער אין געטאָ



דייטשע טאַנקן אין געטאָ



היטלעריסטן באַנוצן מאַשין־געווער קעגן די אויפשטענדלער



גען. סטראָאָפ פירט אָן די אַקציע קעגן די אויפשטענדלער אין געטאָ



דייטשן צינדן אונטער די געטאָ



דײַטשן צינדן אונטער דער װאַרשעװער געטאָ אויספּאָלגנדיק הימלערס באַפעל.



אַן אַלטיטשקע שפּרינגט פון אַ ברענענדיק הויז און פאַרטשעפּעט זיך אָן באַלקאָן.

מיט העלדישע מעשים האָבן די אויפשטענדלערס באַצאָלט די פעלקערמערדערס בײַם פאַרלאָזן די לעצטע פּאָזיציעס. זייער נקמה האָט מיט איר שאַרפקייט געטראָפן נישט בלויז די היטלעריסטישע פאַרטיליקערס, נאָר אויך די פּאָר יידישע פאַררעטער און מוסרים, וואָס האָבן זיך נאָך אַלץ געדרייט אין געטאָ, אַרײַנגעקראָכן ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אין בונקערס, און אויסגעגעבן אַ סך באַהאַלטענע יידן. דער שונא האָט אויסגענוצט די דאָזיקע מנובלים, וואָס האָבן פאַרקויפט זייערע אייגענע ברידער, צוגעזאָגט זיי צו שענקען דאָס לעבן, אָבער באַצייכנט מיט אַ פאַראַכטנדיק־קאַראַקטעריסטישן צונאָמען: „יידן־פאַררעטערס".

בײַ דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע זענען געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע גרופּעס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אויסשפּירן און ליקווידירן די געסטאַפּאָ־שפּיאָנען און מוסרים. צו דער אויסשפּיר־אַרבעט האָט מען באַנוצט קינדער־גרופּעס, און לאָמיר דאָ אָפּמערקן מיט ליוב די העלדישע קינדער פון געטאָ, וואָס האָבן זיך מיט גאָלדענע אותיות אַרײַנגעשריבן אין דער רומפולער געשיכטע פונעם געטאָ־אויפשטאַנד.

עס איז כדאי אונטערצושטרײַכן דעם פאַקט, אַז אפילו שוין דעם 6טן מײַ, ווען אַלץ אַרום האָט אויסגעזען פאַרלאָרן און ענדלאָז פאַרצווייפלט, איז די האַלטונג פון די „זשאָב"־קעמפערס — ווי עס שטעלן פעסט באַגלייבטע עדי־ראיה — געווען אַ באַהערשטע ,אַ זיכערע ,אַ פעסטע. רויִק און זיכער האָבן זיי טראָט נאָך טראָט נאָכגעשפּירט די פאַררעטערס און אויסגעפירט איבער זיי די טויטאורטיילן פון דער אָרגאַניזאַציע. אַזאַ טויטאורטייל איז, למשל, אויסגעפירט געוואָרן דעם 6טן מײַ אויף וואָלינסקע 6 איבער דעם יידישן געסטאַפּאָ־שפּיאָן פרעד אָרלעאַן — אין מיטן העלן טאָג, אין אַ קאַנטינע פון אַן אַמבולאַטאָריע, אין די אויגן פון אַ גאַנצן עולם מענטשן. און דאָס איז נישט געווען קיין פאַראיינצלטער פאַל. מען קאָן זאָגן אַז אין סאַמע פלאַקער פונעם אויפשטאַנד און אין מיטן פון דעם טראַגישן אומקום זענען דורך די יידישע גערעכטיקע נקמה־נעמערס אויסגעראָטן געוואָרן כמעט אַלע פאַררעטערס, וואָס האָבן זיך נאָך דעמאָלט אַרומגעדרייט אויפן שטח פון אונטערגייענדיקן געטאָ. די וואָס זענען אַנטלאָפן, האָבן יידישע און פוילישע קעמפערס געפּאַקט אויף דער „אַרישער" זײַט און דאָרטן זיי אויסגעמאָסטן דעם פולן מידת־הדין.

ווי מיר זעען, האָט די מוט נישט פאַרלאָזט די לעצטע געטאָ־קעמפערס, כאָטש עס איז שוין געווען אין גאַנצן קלאָר ,אַז די שלאַכטן זענען — אין קאָנקרעטן זין פאַרשפּילט; אַ זאַך, וועגן וואָס די אויפשטענדלערס האָבן געוווּסט פון אָנהייב אָן, אָבער זיי האָבן געפילט און פאַרשטאַנען אַז נישט אין קיין קאָנקרעטן אויסגאַנג פון דעם אומגלײַכן קאַמף האַנדלט זיך, נאָר אין דעם אויסגאַנג אין אַ העכערן זין, אין היסטאָריש־מאָראַלישן זין. אַזוי אַרום וועט ווערן פאַרשטענדלעך ,ווי טיף ווייטיקלעך די אויפשטענדלערס האָבן געפילט דעם אומקום פון שטאַב דעם אכטן מײַ.

לאָמיר אָבער צו ערשט מאַכן אַ קורצן סך־הכל. ווי האָט אויסגעזען די לאַגע ערב דעם פאַטאַלן טאָג פון אכטן מײַ?

אויב אין די ערשטע טעג פונעם אויפשטאַנד האָבן די קאַמפן אַרומגענומען דעם גאַנצן שטח פון געטאָ ,האָט זיך אַצינד דער פּלאַצדאַרם פון די אָרגאַניזירטע קעמפערס שטאַרק איינגעקאָרטשעט. עס איז אומגעקומען די לעשנע מיט די שכנותדיקע גאַסן, עס איז אָפּגעפאַלן די שווענטאָיערסקע און פראַנציסקאַנער, ווו עס איז בלויז געבליבן טליִען אַ שוואַכער פײַער פון שיטערע בונ־



קער־גרופּעס. עס האָבן זיך אײַנגעשטילט די שיסערײַען אויף סטאַווקע, עס זענען מער נישט געווען טעטיק — מיט קליינע אויסנאָמען — די כוחות פון מוראַנאָווער פּלאַץ. אין משך פון קנאַפּע דרײַ וואָכן האָט זיך דער אָנשפּאַר־שטח פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אַלץ מער און מער פאַרשמעלערט, ביז ער איז רעדוצירט געוואָרן צו די ענגע ראַמען פון אַ טייל פון צענטראַלן געטאָ מיט דער מילע־גאַס אין מיטן. איצט האָט די אײַזערנע פויסט פונעם שונא געצילט אין אָט דעם צענטער פון אויפשטאַנד, אין דער דאָזיקער גאַס פון דער יידישער אָרעמקייט, ווו עס האָט זיך געפונען דער שטאַב און עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די וויכטיקסטע בלוט־אָפּגעגאַנגענע לעצטע קערן־גרופּעס פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

און דעריבער רופן מיר אָן דעם אכטן מײַ — דער פאַטאַלער טאָג ,ווײַל דעמאָלט איז, ווי געזאָגט, געפאַלן דער שטאַב פון „זשאָב" אין זײַן צענטראַלן בונקער אויף מילע 18.

דער שטאַב פונעם אויפשטאַנד האָט ניכטער און מיט אַ קלאָרן בליק געקוקט אויף דער געשאַפענער לאַגע. פון אַלע זײַטן האָט אָנגעשפּאַרט דער שונא, און די באַזונדערע, פאַריתומטע אָרגאַניזירטע און לויזע קאַמפּסגרופּעס, וואָס האָבן אָפּערירט אָדער זענען געווען פאַרשטעקט אין פאַרשידענע פונקטן אויף אַנדערע שטחים פון געטאָ, זענען נישט געווען אין שטאַנד איבערצורײַסן די אַרומרינגלענדיקע קייט, אָדער קומען צו הילף דער מילע־גאַס, וועלכע איז אויך געבליבן שטיין פּנים־אל־פּנים מיטן לעצטן גוראַנגל, מיטן אומפאַרמײַדלעכן אומקום.

דעריבער איז פאַרשטענדלעך, וואָס דער אויפשטאַנדשטאַב פון איין זײַט און די אָנפירונג פון דער פאָלקסגוואַרדיע פון דער צווייטער זײַט האָבן זיך געמעכטיקט אויפן איינציק ריכטיקן שריט: היות די אויפגאַבע אין געטאָ גופא איז דערפילט געוואָרן, דער יידישער אויפשטאַנד איז געווען אַ יש, האָט שוין מער נישט קיין זין צו לאָזן די בעסטע לעצט־פאַרבליבענע כוחות אויף אַ זיכערן הגם העלדישן אומקום, און עס וועט ריכטיקער זײַן, ווען מען וועט זיי אַרויספירן, און דאָס צוליב צוויי טעמים — זיי זאָלן קענען ממשיך זײַן דעם קאַמף אין מער ווירקזאַמע באַדינגונגען און עס זאָלן בלײַבן די לעצטע עדות פון העראָישן קאַמף פון די וואַרשעווער יידן, די לעצטע עדות פון היטלעריסטישן פעלקערמאָרד און פון דער אויסערגעוויינלעכער, בלוטיקער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער פאַרברענטער ערד פון געטאָ.

אַרויספירן די נאָך געבליבענע צאָלרײַכע קאַמפּסגרופּעס פון די פלאַמען איז אין יענער צײַט שוין געווען זייער און זייער אַ שווערע אויפגאַבע. דער גרעסטער טייל קאַנאַל־אַרויסגאַנג איז געווען אויפגעריסן דורך די היטלער־לײַט, ס'רוב קאַנאַלן — פאַרפלייצט מיט וואַסער, און די פאַשיסטישע שמירה איז געווען אָפּט מאָל נישט דורכצודרינגען. יאָ, עס זענען נאָך פון דעסט וועגן געווען געוויסע קאָמפּליצירטע דורכגאַנג אונטער דער ערד, אָבער דער פּלאַן פון דעם לאַבירינט פון דער אונטערערדישער קאַנאַליזאַציע־סיסטעם איז געלעגן אין די הענט פון אַ"ק־לײַט ,און די האָבן נישט געוואָלט עס אַרויסגעבן די יידן אפילו אין אָנבליק פון דער אויבן געשילדערטער טראַגישער לאַגע. אַלע ווענדונגען פון ד"ר לעאָן פײַנער האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף אַ וואַנט פון פאַרברעכערישער גלײַכגילטיקייט.

נאָך לאַנגער מי און מאַטערניש איז דער וואַרשעווער פּפּ"ר געלונגען אַרויסצובאַקומען די פּלענער אַ דאַנק אירן אַ מענטש, דעם

אקטיוויסט קאזשוכאווסקי, וואס האט געהאט קאנטאקט מיט פאטריאטיש־געשטימטע אנגעשטעלטע פון דער שטאט־פארוואלטונג.

דעמאלט איז ארגאניזירט געווארן די געוואגטע און געפערלעכע עקספעדיציע אין געטא אריין, צו ראטעווען די הויפט־כוחות פון דער יידישער קאמפס־ארגאניזאציע, וואס זענען געווען אויף מילע 18 און אין אנדערע בונקערס פון „זשאב". אבער ווען די עקספעדיציע — אין איינעם מיט די שליחים פון די אויפשטענדלערס, „קאזשיק" און אנדערע — איז ענדלעך אנגעקומען אויפן ארט, איז שוין געווען צו שפעט. אנגעקומען זענען זיי דעם נײַנטן, און דער שטאב איז אומגעקומען מיט א טאג פריִער, דעם אכטן מײַ.

וואס עס איז פארגעקומען דעם דאזיקן טאג אינעם בונקער פון שטאב, האבן זיך די מיטגלידער פון דער רעטונג־עקספעדיציע דערוווּסט פון די געציילטע לעת־עתה לעבן געבליבענע קעמפערס, וואס זיי האבן געפונען אין א פארחלשטן צושטאנד אויף די חורבות פורנעם ארט; דאס זענען געווען מיכאל ראזענפעלד, טאסיע אלטמאן, יהודה ווענגראווער און נאך עטלעכע. לײדער זענען אויך די אלע אומגעקומען אין די שפעטערדיקע צײַטן, און בײַם הײַנטיקן טאג איז שוין קיין איין דירעקטער עדות פון די לעצטע מינוטן פון די אויפשטאנד־קאמאנדירן נישט געבליבן צווישן די לעבעדיקע.

פון די גבית־עדות־שפורן, וואס זענען צו אונדז אזוי ארום דערגאנגען פון דער צווייטער האנט (פון די, וואס האבן דעמאלט גערעדט מיט די דערמאנטע נאך לעבעדיקע שטאבמיטגלידער), קען מען אויפשטעלן א שטיקל בילד פון דעם, וואס איז דעם אכטן מײַ פארגעקומען אויף מילע 18:

דא זענען דעם טראגישן טאג געווען בײַ א 400 מענטשן, בתוכם א הונדערט אויפשטענדלערס. פון די מער אנגעזעענע קאמאנדירן און מיטגלידער פון „זשאב" האבן זיך אין דעם צענטראלן קאמפבונקער געפונען: מרדכי אניעלעוויטש מיט זײַן חברטע מירע פוכרער, די פפ"ר־טוערס אפרים פאנדאמינסקי (מיר ווייסן נישט צו זײַן חברטע ליובא איז דעמאלט נאך געווען מיט אים צוזאמען און צי זי האט נאך בכלל געלעבט), מיכאל ראזענפעלד, אהרון ברוסקין, שרה זשאגעל, שיִע שפאנצער, הערמאן, חיים אנקערמאן, פראנקע און טאסיע בערמאן; און ווײַטער: די שומרים אריה ווילנער, טאסיע אלטמאן, יהודה ווענגראווער; דער בונדישער קעמפער לייב גרוזאלץ און אויך ברוידא פון „דרור", לייב ראטבלאט 1) מיט זײַן מוטער און אנדערע. די צענטראלע פיגורן אינעם בונקער זענען געווען, ווי עס גיט איבער אן עדות, פאנדאמינסקי, דער סעקרעטאר פון פפ"ר, און אניעלעוויטש, דער קאמענדאנט פון שטאב.

ווי מיר זעען, איז דאס געווען נישט בלויז דאס זיצארט פונעם שטאב פון דער יידישער קאמפס־ארגאניזאציע, נאר אויך דער צענטראלער פונקט פון דער פפ"רישער אנפירונג; דא האבן זיך אויך געפונען די וויכטיקסטע שומרים. סטראאפ האט, אפנים, געוווּסט וועגן דעם — צי פון יידישע געסטאפא־אגענטן, אדער ער איז עס דערגאנגען שפעטער. ווי עס זאל נישט זײַן, שטרײַכט ער אונטער אין זײַנע טאגראפארטן, אז דאס איז דער בונקער פון דער ענגער אנפירונג פונעם אויפשטאנד. איצט ווען מיר פארשטיין, פאר וואס ער האט זיך אזוי שנעל געגרייט צום אנגריף אויף מילע 18.

פון אלע זײַטן האבן די פײַנדלעכע כוחות ארומגענומען דעם בונקער. און ווען די אויפשטענדלערס האבן געשטעלט א דעצידירטן ווידערשטאנד, האט דער שונא ארײַנגעלאזט גאז. דער שטאב האט דעמאלט באשלאסן: איידער ארײַנצופאלן לעבעדיקערהייט אין די הענט פון די פעלקערמערדערס, בעסער אליין זיך נעמען דאס לעבן. קיין אנדער אויסוועג איז, ווי עס ווײַזט אויס, נישט געווען. שיסן פון דער טיפעניש אויף דרויסן איז געווען דאס זעלבע ווי האקן אויף בלינד. די אמוניציע איז זיכער אויך אויסגעגאנגען. און דער פארשאלטענער גאז האט שוין גענומען ווירקן, די מענטשן האבן זיך אנגעהויבן שטיקן, גוססן.

אין סאמע לעצטן מאמענט, ווען אניעלעוויטש מיט זײַן חברטע, פאנדאמינסקי, ווילנער, ראטבלאט זענען שוין געווען טויט, האבן די לעצטע פאר קעמפערס, וואס האבן זיך שוין געפונען אין א האלב פארחלשטן צושטאנד, פלוצעם געפונען עפעס אן ארויסגאנג. און זיי זענען טאקע אויף צו מארגנס געפונען געווארן האלב טויטע דורך די שליחים פון דער דערמאנטער רעטונגס־עקספעדיציע.

איינער פון די לעצטע באגערן פון די אומפארגעסלעכע שטאבמיטגלידער איז כאטש מקוים געווארן: קיין לעבעדיקע האט זיי דער שונא נישט געכאפט.

די שפאנונג פון די היטלעריסטן צוליבן בונקער אויף מילע 18 איז געווען זייער גרויס. סטראאפ האט געזאגט אין זײַן צוגאבדערקלערונג, בעת ער איז שוין געזעסן אין דער ווארשעווער מאקאטאור־תפיסה, אז ער האט באדויערט וואס ער איז נישט געווען בײַ דער אקציע בײַם בונקער און וואס ער האט נישט געכאפט קיין איינעם פון די שטאבמיטגלידער, ער וואלט זיי — האט ער צוגעגעבן — זייער גערן פארהערט... די העלדישקייט און די פאראכטונג פארן לעבן מצד די אויפשטאנד־פירערס האבן צוגענומען בײַם עס־עס־גענעראל דעם דאזיקן „פארגעניגן".

דעם זעלביקן טאג האבן די ליקווידיר־אפטיילונגען ווײַטער אנגעטראפן אויף ווידערשטאנד־אקטן בײַם אטאקירן פארשידענע בונקערס, באזונדערס אויף שוויענטאיערסקע 36, וווּ עס איז געווען פארשטעקט א לויזע גרופע. סטראאפ האט זיך נאך איין מאל איבערגעצײַגט אז דער אויפשטאנד, הגם ער פארמאגט שוין נישט דעם פריִערדיקן אימפעט, איז נאך אלץ נישט אויסגעלאשן, און דעריבער פארענדיקט ער זײַן ראפארט פון אכטן מײַ מיט די ווערטער: „דער אונטערגעשריבענער איז דעצידירט צו קאנטינויִרן די גרויסע אקציע ביזן פארניכטן דעם לעצטן ייִד".

אט די פאשיסטישע שבועה פון דעם פעלקערמערדער איז, צו אונדזער טיפן טרויער, אין ווײַט גרעסטן טייל מקוים געווארן. נאר א קליינער גרופע אויפשטענדלערס איז, א דאנק דעם איבערמענטשלעכן אנשטרענג פון דער פאלקסגווארדיע, געלונגען זיך ארויסצורײַסן פונעם וואלפס פיסק. דעם 10טן מײַ איז דורכגעפירט געווארן די צווייטע, נאכן 28טן אפריל, בראוווּר־אקציע פון ארויסנעמען 34 יידישע קעמפערס אין פולער באוואפענונג פון א קאנאל־עפענונג אויף פראסטע־גאס, אין מיטן העלן טאג, צו דער שטוינונג פון דער גאס. אין דער דאזיקער אקציע זענען געווען אנגאזשירט די זעלביקע מסירה־נפשדיקע טוערס פון פפ"ר און „גווארדיא לודאווא": לענטשיצקי, לעגעץ, סענק מאלעצקי, קשאטשעק, די גווארדיסטן וואצעק, סאמאק, סטעפאן, די שרעקלאזע פארבינדלערס פון דער יידישער קאמפס־ארגאניזאציע יורעק זאלאטאוו, רישעק מוזול־

1) געוויסע עדות האלטן, אז צוזאמען מיטן גרופע־קאמאנדיר פון „זשאב" לוטעק ראטבלאט איז אינעם בונקער געווען זײַן פוילישע פרוי, וואס האט געוואלט טיילן ביזן סוף דעם גורל פון איר מאן און חבר.

מאַן, טוביה שיינגוט, ראָטהײַזער („קאזשיק"); לאָמיר אויך דערמאָנען מיט דאַנקבאַרקייט דעם פּוילישן שאָפער סטאַניסלאַוו טאַרטשינסקי, וועלכער איז געזעסן בײַם רודער פון דעם לאַסטאויטאָ, וואָס האָט שנעל געיאָגט ארויס פון דער שטאָט. אין משך פון אַ האַלבער שעה איז די גאַנצע אַקציע געווען פאַרענדיקט, און דער אויטאָ האָט זיך געטראָגן קיין לאָמיאַנקע, ווו די טויט־מידע קעמפערס האָבן זיך פאַראייניקט מיט זייערע חברים, וואָס זענען דורך דער פאָלקסגוואַרדיע אַרויסגעצויגן געוואָרן דעם 28טן אַפּריל.

און דערווײַל האָט זיך אָפּגעשפּילט בײַם קאַנאַל־ארויסגאַנג נאָך איין טראַגישע שלאַכט. אונטער דער ערד איז געבליבן אַ צווייטע גרופּע, וואָס האָט געציילט 15 מאַן. דער לאַסטאויטאָ האָט זיך נאָך געדאַרפט אומקערן נאָך זיי. אָבער דערווײַל איז דער שונא אַלאַרמירט געוואָרן. בײַם קאַנאַל־ארויסגאַנג האָט זיך פאַרקניפּט אַן אומגלײַכער קאַמף ,וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיטן העלדישן אומקום פון אַלע פופצן אויפשטענדלערס. סטראָאָפּ איז חושד געווען אַז יִדישע קעמפערס באַהאַלטן זיך אויס אין שכנותדיקן „קליינעם געטאָ", אויף פּראָסטע־גאַס, האָט ער געהייסן ענדגילטיק ליקווידירן און עוקר מן השורש זײַן אויך דאָס דאָזיקע א"ג „קריפּל־געטאָ". ווי עס גיט איבער אַן עד־ראיה, איז סטראָאָפּ אַליין געקומען אויף פּראָסטע און פּערזענלעך אָנגעפירט מיט דער ענדגילטיקער צעשטערונג פונעם „קליינעם געטאָ".

פון די ווײַטערדיקע גרופּעס, וואָס זענען אַרויס דורך אַ קאַנאַל־ארויסגאַנג פון געטאָ, האָט זיך איינע אויף דער ערשטער נאַכט באַפעסטיקט אין אַ הויז אויף מעד־גאַס. אויף צו מאָרגנס האָט זי געדאַרפט ווערן אײַנגעאָרדנט אויף צײַטווײַליקע קאָנספּיראַטיווע דירות, און דערנאָך האָבן זיי געזאָלט אַרויסגיין צו די פּאַרטיזאַנערס. אין שפּיץ פון דער גרופּע איז געשטאַנען דער קאָמאַנדיר אַהרן ברוסקין (פּאַוועל) ,וועלכער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פונעם אויפגעריסענעם בונקער אויף מילע 18. עס איז אָבער נישט באַשערט געווען דער דאָזיקער גרופּע צו פאַראייניקן זיך מיט זייערע ברידער די פּאַרטיזאַנערס. אַ פּוילישער פאַררעטער האָט געבראַכט דײַטשן, וואָס זענען געקומען אין אַ גרויסער צאָל; נאָך אַ קורצער פאַרצווייפלטער שלאַכט זענען די יִדישע קעמפערס מיטן קאָמאַנדיר פּאַוועל בראש אומגעקומען אויפן אָרט. דער פאַררעטער איז שפּעטער דערשאָסן געוואָרן דורך דער פאָלקסגוואַרדיע.

לאָמיר דאָ דערמאָנען צום סוף פונעם קאַפּיטל דעם העלדנטויט פון די „זשאָב"־פאַרבינדלערס יורעק זאַלאָטאָוו און רישעק מוזולמאַן, וועלכע זענען געפאַלן אין אומגלײַכן קאַמף מיט אַ באַנדע היטלעריסטן אויפן באַנקפּלאַץ בײַ זשאַביע־גאַס, אין מאָמענט ווען זיי האָבן דאָ געדאַרפט דערלייזיקן דאָס אַריבערוואַרפן אַ טראַנספּאָרט געווער אין געטאָ אַרײַן.

דער דריטער מוטיקער פאַרבינדלער שיינגוט איז אין אַ קורצער צײַט אַרום אומגעקומען אויף דער וואַשינגטאָן־גאַס 80, אין איינעם מיטן לינקן סאָציאַליסט, דעם פּאָליאַק סטעפאַן פּאַקראָפּעק. אין אַ פײַער־געראַנגל מיט דײַטשן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז ווו עס איז געווען אַ טרעפפונקט פון די „זשאָב"־פאַרטרעטערס מיט פּוילישע פּאַרטיזאַנערס.

מיר וועלן זיך נאָך שפּעטער באַגעגענען מיט עטלעכע שלאַכטן פון יִדישע קעמפערס אויף דער „אַרישער" זײַט. אַזאַ שלאַכט איז פאָרגעקומען אין יוני אין אַ בונקער אויף גזשיבאָווסקע. די יִדישע באַוואָפנטע גרופּע, וואָס האָט זיך דאָ געפונען, האָט געשטעלט אַ ביטערן ווידערשטאַנד די איבערוועגנדיקע כוחות פונעם שונא. אַלע יִדישע קעמפערס אין איינעם מיט זייער קאָמאַנדיר פּאַוועל פרענקעל, אַן אָנטייל־נעמער אין די פריִער געשילדערטע שלאַכטן אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ, זענען געפאַלן מיט אַ העלדנטויט.

צוריקקערנדיק זיך צו די געשעענישן אויפן שטח פון געטאָ, דאַרף מען זאָגן, אַז די טעג פון אַכטן ביז צענטן מײַ שליסן אָפּ דעם צווייטן עטאַפּ פון דעם אויפשטאַנד. איצט גייען אַרײַן די קאַמפן אין זייער לעצטער פאַזע.

## — 7 —

## די קאַמפן צווישן חורבות

בײַם סוף פון דער ערשטער דעקאַדע פון חודש מײַ טרעט אַרײַן דער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד אין זײַן דריטער פאַזע, וואָס איר כאַראַקטעריסטישע פאָרעם זענען די קאַמפן צווישן די חורבות. דאָס געטאָ איז שוין כמעט אין גאַנצן אויפגעריסן און אויסגעבערנט און שטעלט מיט זיך פאָר אַ ריזיקן מדבר פון רויִנעס, און נאָר ווו נישט ווו סטאַרטשען אַרויס סקעלעטן פון פאַרברענטע און נאָך נישט לגמרי אײַנגעפאַלענע הײַזער. בײַ אַזאַ לאַגע איז קלאָר, אַז די לעצט פאַרבליבענע יִדישע קאַמפסגרופּעס האָבן שוין בכלל נישט קיין אָנשפּאַר אויף דער אייבערפלאַך פונעם געטאָ, אַז זיי קענען שוין אויך זעלטן רעכענען אויף סטאַבילע באַפעסטיקטע בונקערס, וואָס ווערן דאָך ווײַטער אויפגעריסן דורך די היטלעריסטישע ליקווידיר־אָפּטיילונגען. די קעמפערישע גרופּעס מוזן זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אומאויפהערלעך באַוועגלעך, אויסגעבלוטיקט מיליטער, וואָס טוישט כסדר זײַנע באַזעס און וואַנדערט צווישן דעם ים פון חורבות און אָנגעהויפנטע בערג פון צעטראַסקעטע ציגל און אַנדערן ברוך.

דער געניטער מיליטער־מאַן סטראָאָפּ האָט, מוז מען פעסטשטעלן, אויפגעכאַפּט אָט די ענדערונג אין דער לאַגע און ממילא אין דער טאַקטיק פון די אויפשטענדלערס. דעם 10טן מײַ שטרײַכט ער טאַקע אונטער אין זײַן טעלעגראַפּאָרט: „ווי אין די פריִערדיקע טעג האָט מען ווידער, טראָץ אַלע דערוואַרטונגען, אַרויסגעשלעפּט אַ באַדײַטנדיקן טייל יִדן פון די בונקערס. די יִדן שטעלן אַ נישט־פאַרקלענערטן ווידערשטאַנד. ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, האָט זיך די נאָך עקסיסטירנדיקע, נישט־פאַרניכטעטע הויפּטגרופּע פון די קעמפערס פון דער יִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג צוריקגעצויגן צו די דערגרײַכבאַרע פאַר זיי חורבות, כדי פון דאָרטן מיט אַן אויף ס'נײַ געעפנטן פײַער צו דערלאַנגען קלעפּ אונדזערע איינהייטן".

די יִדישע קאַמפסגרופּעס, וואָס זענען פאַרבליבן נאָכן 10טן מײַ אין געטאָ, די אָרגאַניזירטע, וואָס האָבן פריִער געהערט צום „זשאָב", און אויך די לויזע, ווערן אָנגערופן חורבות־גרופּעס (אויף פּויליש: „גרוזאָווצי"). דער דאָזיקער נאָמען שטאַמט נישט, ווי עס זענען זיך משער געוויסע מחברים, פון דער נאָכאויפשטאַנד־, אָדער נאָכמלחמהדיקער צײַט. ניין, מיטן דאָזיקן נאָמען האָבן זיך אָנגערופן די קעמפערס אין געטאָ גופא, אין דער דריטער פאַזע פון די קאַמפן. די ערשטע, וואָס האָט זיך אַליין געגעבן דעם דאָזיקן נאָמען, איז געווען די גרופּע פון שמעון מעלאָן, אַ גוט באַקאַנטער אויפשטענדלער פון דער פריִערדיקער צײַט; ער האָט צונויפגענומען אַ גרופּע פון 25 מענטשן און האָט אָפּערירט אויפן פּוסטן געביט פון שוויענטאָיערסקע און וואַלאָווע.

עס זענען געווען נאָך „זשאָב"־ און בונקער־גרופּעס, וועלכע האָבן ממשיך געווען דעם קאַמף צווישן די חורבות. לײדער ווייסן מיר נישט וועגן אַלע. פון פאַרשידענע גביות־עדות דערווייסן מיר

זיך וועגן די קאַמפּסגרופּעס פון די „זשאָב"־קאָמאַנדירן זכריה אַרטשטיין, יוסף פאַרבער און יצחק בלווישטיין, און וועגן אַנדערע קאַמפּסגרופּעס אונטער דער אָנפירונג פון שמעון קויפמאַן, קאַפּלאַן און אַ ריי געניו נישט באַקאַנטע שלאַכט־אָנפירערס, וואָס האָבן אָפּערירט צווישן די חורבות פון מילע, וואָלינסקע, גענשע און אַנדערע גאַסן.

סטראָאָפּס לעצטע טאָגראַפּאָרטן, וועלכע נעמען אַרום די צײַט פון 10טן ביזן 16טן מײַ, ברענגען ווײַטער כסדרדיקע ידיעות וועגן קאַמפן אויף פאַרשידענע אָפּשניטן פונעם געטאָ. פון ייִדישע קוואַלן — און דאָס קען אַרויסדרינגען אויך פון סטראָאָפּס ראַפּאָרט — ווייסן מיר, אַז אין משך פון דער צײַט זענען פאָרגעקומען קאַמפן אויף גענשע־גאַס, אויף נאַלעווקעס, אויף וואָלאָווע, אין אַ באַפעסטיקטן גרויסן בונקער אויף שווינטאָיערסקע 3, ווו עס האָט זיך אויסגעצייכנט די קעמפערין שרה ראָזנבלום (דעם 13טן מײַ), אין דעם בעקער־בונקער אינעם הויף וואָלאָווע 6 — שווינטאָיערסקע 30 (דעם זעלביקן 13טן מײַ), אויף די דעכער אויף אַ געבײַדע וואָס איז געשטאַנען בײַ די ראַנדן פונעם געטאָ (געניו ווו דאָס איז געווען ווייסן מיר נישט; עס דרינגט נאָר אַרויס פון דער ידיעה אַז דאָס הויז איז נאָך נישט געווען פאַרברענט; פאָרגעקומען איז די שלאַכט דעם 14טן מײַ) אויף מילע, ווו עס האָט געקעמפט אַ גרופּע פון טראַנספּאָרט־אַרבעטערס (דעם 15טן מײַ). די ריכטונג פון אַ ריי שלאַכט־אָנשטרענגונגען פון די חורבות־קעמפערס, בפרט פון שווינטאָיערסקע־וואָלאָווע־געביט, זאָגט עדות, אַז די ייִדישע גרופּעס האָבן זיך געריסן צו די געטאָ־גרענעצן, שטרעבנדיק מיט געווער אין האַנט זיך אַריבערצובאַקומען אויף דער „אַרישער" זײַט. און פון דער צווייטער זײַט מויער מאַכן ווײַטער די פּוילישע פאַרבינדעטע פון די קעמפנדיקע ייִדן באַמיִונגען צו אַטאַקירן דעם שונא און העלפן די אויפשטענדלערס. וועגן איינער אַזאַ שלאַכט־באַמיִונג אין דער נאַכט פון 13טן אויפן 14טן מײַ דערווייסן מיר זיך אין סטראָאָפּס ראַפּאָרט; דאָס איז געווען אין דער צײַט פונעם גרויסן אָנפלי פון דער סאָוועטישער אַוויאַציע (וועגן דעם וועט באַלד זײַן געניוער אַ רייד). אַ צווייטע אַקציע פון דער פאָלקס־גוואַרדיע אין דער נאָענט פון געטאָ, אויף לעשנע, האָט געהאַט אָן אָרט דעם 15טן מײַ; עס זענען דעמאָלט געפאַלן אין אומגלײַכן קאַמף די אונדז שוין באַקאַנטע העלדישע גוואַרדיסטן פראַנציִשעק באַרטאָשעק און זיגמונט באָבראָווסקי. ווי מיר זעען, איז דער צײַט־אָפּשניט פון דעם 10טן ביזן 16טן מײַ געווען גענוג רײַך אין קאַמף־געשעענישן, און עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך וואָס די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן פון דער היטלעריסטישער פּאָליציי פאָלגן כסדר נאָך מיט גרויס זאָרג דעם לויף פון די פּאַסירונגען אין וואַרשעווער געטאָ. אַזוי איז, למשל, געווען אָנוועזנדיק בײַ דער געטאָ־אַקציע דעם 19טן מײַ אַ „הויכגעשטעלטער" גאַסט פון בערלין, דער לייטער פון דער פּערסאָנעלער ביוראָ פון דעם רײַכס־זיכערהייט־הויפּטאַמט, דער עס־עס־גרופּנפירער און גענעראַל־לייטענאַנט פון וואַפן־עס־עס פאָן הערף. דער עסעסישער גדול האָט זיך געקאָנט מיט די אייגענע אויגן איבערצײַגן מיט וואָס פאַר אַ פאַרביטערונג די ייִדן קעמפן, אָבסערווירנדיק די שלאַכט אויף די דעכער פון דער דערמאָנטער געבײַדע.

איינע פון די וויכטיקסטע געשעענישן פון דעם אָקערשט אַרומגערעדטן צײַטאָפּשניט איז געווען דער מעכטיקער באָמבאַרדירונג־אָנפלי פון דער סאָוועטישער אַוויאַציע אין דער נאַכט פון 13טן אויפן 14טן מײַ 1943. דער אײַנדרוק פון דער דאָזיקער לופט־אַטאַקע איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז ער האָט איבערגעלאָזט טיפע שפּורן סײַ אין די דײַטשע, סײַ אין די פּוילישע און סײַ אין די ייִדישע קוואַלן.

דער סאָוועטישער אָנפלי האָט געהאַט אַ טאָפּלטן באַטײַט: אַ מאָראַלישן און אַ מאַטעריעלן, אַ ממשותדיקן. דער מאָראַלישער זין פון דעם אָנפלי איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס מיט אים זענען געווען פאַרבונדן די האָפענונגען פון אַלע פאַרשקלאַפטע פעלקער און בפרט פון די לעצטע געטאָ־אסורים, האָט איבערגעריסן די פאַרשווערונג פון שווײַגן, מיט וועלכער די מערבדיקע אַליאַנטן האָבן אַרומגערינגלט די טראַגעדיע און דעם קאַמף פון וואַרשעווער געטאָ. עס איז אַ פעסטגעשטעלטע זאַך, אַז די פאָרשטייערס פון דעם רעאַקציאָנערן לאַגער פון דער פּוילישער אונטערערד האָבן בכיוון פאַרהאַלטן די אַלאַרם־דעפּעשן קיין אויסלאַנד; אַז זיי האָבן איבערגעשיקט די פונקען־טעלעגראַמעס צו שפּעט און אַז די מאָסגעבנדיקע פּוילישע ספערעס אין לאָנדאָן האָבן פאַרעפנטלעכט די ערשטע ידיעות פון אונטערגייענדיקן געטאָ גאָר שפּעט, עטלעכע וואָכן נאָכן אויסבראָך פונעם אויפשטאַנד, ווען דאָס געטאָ איז שוין אין גרעסטן טייל געווען פאַרברענט און אויפגעריסן. דער הויפּטשטאַב פון די מערב־אַליאַנטן, אונטער דער אָנפירונג פון אַמעריקאַנישן גענעראַל דווייט אייזענהאַוער, האָט מיט קיין איין אָנפלי, מיט קיין איין שאָס, מיט קיין איין געווער־איבערוואַרפונג נישט רעאַגירט. און ווען עס איז שוין געווען נאָך אַלעמען, זענען אַרויס די פּרעסע־אָרגאַנען פון מיקאָלייטשיקן, סאָסנאָקאָווסקין און זאַרעמבאַן מיט צביעותדיקע אַרטיקלען וועגן דער ייִדישער גבורה און אַראָפּגעלאָזט אַ פּאָר קראָקאָדיל־טרערן איבערן גורל פון דעם אויסגעמאָרדעטן ייִדישן פאָלק.

בלויז דער ראַטן־פאַרבאַנד האָט רעאַגירט. אויף די אַלאַרם־ידיעות וואָס זענען דורך די פּאַרטיזאַנישע באַזעס אָנגעקומען אינעם סאָוועטישן שטאַב, האָט מאָסקווע געענטפערט מיט דעם, וואָס זי האָט דעמאָלט, אין די באַדינגונגען פון אַ געוואַלדיקן מרחק, ווײַט פון וואַרשע, געקאָנט טאָן: מיט איבערוואַרפן געווער פאַר די הינטערוואַרשעווער פּאַרטיזאַנער. און מיט אָנפליִען פון דער באָמבאַרדיר־אַוויאַציע. עס איז שוין באַמערקט געוואָרן, אַז טיילן פון דעם דאָזיקן אַריבערגעוואָרפענעם געווער האָבן געטראָפן צו די הענט אויך פון די געטאָ־אויפשטענדלערס. ווי מיר האָבן שוין געזען, האָבן זיך די סאָוועטישע עראָפּלאַנען פריִער דערנענטערט צו וואַרשע עטלעכע מאָל, ערשט איצט אין דער נאַכט פון 13טן אויפן 14טן מײַ איז געלונגען דורכצופירן אַ גראַנדיעזן אָנפלי, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַזאַ שטאַרקן רושם.

דער אָנפלי האָט געדויערט פון האַלב צוועלף ביז האַלב צוויי בײַ נאַכט. די רויטע עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט די ראַיאָנען און גאַסן ווו עס האָבן זיך געפונען היטלעריסטישע אַמטן, די קאַזאַרמעס פון עס־עס, אַרסענאַלן און מאַגאַזינען פון רײַכסווער און באַנאָביעקטן. באָמבעס זענען געפאַלן אויך אין שכנות פון חרובן געטאָ און בײַ דער פּאַוויאַק־תפיסה.

די סאָוועטישע פליִערס האָבן בעתן אָנפלי אַראָפּגעוואָרפן אחוץ באָמבעס, וועלכע זענען געווען באַשטימט פאַר די היטלעריסטן, אויך אַ ריזיקע צאָל פלוגבלעטער פאַר דער פּוילישער באַפעלקערונג. די פלוגבלעטער האָבן איבערגעגעבן דעם באַרימטן אינטערוויו פון סטאַלינען וועגן דער צוקונפט פון פּוילן און אַ רוף אָנטייל צו נעמען אין די אויפשטאַנד־אַקציעס. היות דעמאָלט איז אין וואַרשע געווען איין אויפשטאַנד, איז קלאָר, אַז די סאָוועטישע פלוגבלעטער האָבן גערופן די באַפעלקערונג זיך אײַנצושליסן אין די קאַמפן, וואָס האָבן

זיך אָנגעהויבן אין געטאָ, צו העלפֿן די ייִדן, וואָס זענען געשטאַנען אין פאַרצווייפלטן געראַנגל.

אין דער זעלביקער נאַכט, ווען אין משך פון צוויי שעה האָט די סאָוועטישע אוויאַציע אָנגעוואָרפן אַ פּאַנישע שרעק אויף די היטלעריסטישע פעלקערמערדערס, זענען אַרויס פון זייער אונטערערד פּוילישע אַנטיפאַשיסטישע פּאַטריאָטישע קאַמפסגרופּעס, זיך אָנגערוקט צו די געטאָ־מויערן און אַטאַקירט די דײַטשן מיט פײַער פון מאַשין־געווער און האַנט־שיסגעווער. דעם דאָזיקן זייער וויכטיקן און כאַראַקטעריסטישן פאַקט מערקט אָפּ אין זײַן טאָגראַפּאָרט דער באַאומרויִקטער עס־עס־גענעראַל סטראָאָפּ. פון דעם איז אַרויסצודרינגען, אַז דער אָנפֿלי איז געווען קאָאָרדינירט מיט דער פּויליש־אַנטיפאַשיסטישער אונטערערד. לאָמיר זיך דערבײַ דערמאָנען, אַז אין מײַ 1943 האָט שוין עקסיסטירט און געווירקט אין מאָסקווע דער „פאַרבאַנד פון די פּוילישע פּאַטריאָטן", וואָס האָט געוויס געהאַט קאָנטאַקטן מיט דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין לאַנד.

דער פּלוצעמדיקער אָנפֿלי פון די סאָוועטישע אַעראָפּלאַנען האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע פרייד און אַ נײַעם צופלוס פון קאַמפס־ענערגיע בײַ די לעצטע חורבות־ און בונקער־גרופּעס אין געטאָ. אַ סך קעמפערס נעמען תיכף אָן אַ געוואַגטן געדאַנק: אויסנוצן די פּאַניק בײַם שונא, שטורעמען דעם געטאָ־מויער און פּרוּוון זיך אַדורכרײַסן אויף אויסן. אַזעלכע פּרוּוון זענען טאַקע געמאַכט געוואָרן אין דער ריכטונג פון די גרענעצגאַסן מילנע, באָניפראַטן און אָקאָפּאָווע. צום באַדויערן איז נאָר טײלווײַז די דאָזיקע אונטערנעמונג געלונגען. און ווידער דאַרף מען זאָגן: דער פאַקט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אַ גלײַכצײַטיקער אָנגריף פון אויסן און פון אינעווייניק אויף דער דײַטשער קייט אַרום די געטאָ־מויערן, זאָגט אונטער, אַז מיר האָבן אפשר דאָ נאָך אַלץ צו טאָן מיט אַ געוויסער קאָאָרדינאַציע צווישן דער פאָלקסגוואַרדיע און די געטאָ־קעמפערס.

לאָמיר אויף דעם אָרט דערמאָנען דעם פאַקט, וועלכן עס ברענגט אין זײַן בוך „אין קאַמף פאַרן לעבן" דער עדות יאָנאַס טורקאָוו, אַז די סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע זענען אין יענער צײַט געווען באַשעפטיקט בײַ צוואַנגאַרבעט אין איינעם מיט ייִדישע אַרבעטערס אויפן מיזרח־וואָקזאַל, האָבן איבערגעשיקט אַ ברידערלעכן קאַמפגרוס די געטאָ־אויפשטענדלערס; דער גרוס האָט זיך — ווערליק עס גיט איבער דער עדות — געענדיקט מיט די ווערטער: „מאָלאָדצי רעביאַטאַ!" (וואויל, יאַטן).

עס איז איבעריק צו שילדערן די מהומה וואָס איז אויסגעבראָכן אינעם לאַגער פון שונא. די היסטערישע אַרטיקלען אין דער אָרטיקער היטלעריסטישער פּרעסע וועגן דער „ייִדיש־באָלשעוויסטישער" לופט־אַטאַקע און געבעלסעס ווענדונגען אין „דאָס רײַך" פון מײַ 1943 קעגן הומאַניטאַריזם לגבי די ייִדן האָבן נישט געקאָנט אײַנשטילן די צעשרויפטע געמיטער פון די אָקופּאַנטישע באַאַמטע. אַ קנאַפּע באַרויִקונג האָבן אַרײַנגעבראַכט די רעפּעראַטן פון דעם שטאַבליִיטער פונעם פּראָפּאַגאַנדע־אַמט פון נסדא"פּ אייגען האַדאַמאָווסקי, וועלכער איז ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין פּוילן און איז אַרויסגעטראָטן אין דער צווייטער העלפט מײַ אין קראָקע און אין וואַרשע אויף דער טעמע פון געטאָ־ און ייִדן־ליקווידאַציע. ער האָט טאַקע אַפּעלירט צו זײַנע צוהערערס, „זיי זאָלן זיך נישט לאָזן באַהערשן דורך זינלאָזע באַטראַכטונגען און סקעפּטישע שטימונגען" („וואַרשעווער צײַטונג" פון 23טן מײַ 1943), אָבער אויך דאָס האָט נישט געקאָנט ראַטעווען דעם אַרונטערגעריסענעם — אַ דאַנק דעם ייִדישן אויפשטאַנד — פּרעסטיזש פון דער היטלעריסטישער מאַכט אין אָקופּירטן פּוילן. די היטלעריסטישע גדולים האָבן אַליין שוין דעמאָלט קנאַפּ געגלויבט אין דער ווירקונג פון פּראָפּאַגאַנדע, האָבן זיי טאַקע געדראָעט מיט פאַרשאַרפטן טעראָר (פישערס אויפרוף פון 13טן מײַ קעגן „ייִדן און באָלשעוויקעס" און הימלערס אינסטרוקציע פון 10טן מײַ צו פאַרשטאַרקן די פּאָליציייִשע כוחות צוליב די „גאַסנקאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ").

מען קאָן זיך משער זײַן, אַז די אָנפירנדיקע פּאָליציייִשע אָרגאַנען האָבן געדריקט אויף סטראָאָפּן, ער זאָל שוין מאַכן אַ סוף מיט דער א"ג „גרויסער אַקציע" אין געטאָ. דעריבער מסתמא האָט דער הויפּט־ליקווידאַטאָר באַשלאָסן צו פּראָקלאַמירן דעם 16טן מײַ דעם סוף פון דער אַקציע און כדי צו פאַרענדיקן אויף אַ פאַרברעכעריש־פײַערלעכן אופן, האָט ער באַפוילן אויפצורײַסן די גרויסע סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע. דער אויפרײַס איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז ער האָט — ווי עס שטעלט פעסט אַ פּוילישער אונטערערדישער כראָניקער — „אויפגעטרייסלט גאַנץ וואַרשע". אָבער דערמיט איז נאָך דער ווידערשטאַנד אין געטאָ נישט ליקווידירט געוואָרן. דעם זעלביקן טאָג, ווען סטראָאָפּ האָט אָנגעשריבן אין זײַן ראַפּאָרט די ווערטער „עס איז מער נישטאָ קיין ייִדישער וווינבאַצירק אין וואַרשע", האָט זיך ווידער באַוויזן אַ גרעסערע ייִדישע באַוואָפנטע קאַמפסגרופּע אויף די חורבות פון זאַמענהאָף און מילע. מיט 12 טעג שפּעטער, דעם 28טן מײַ, טיילט מיט די פּפּ"רישע צײַטשריפט „גלאָס וואַרשאַווי" וועגן דעם, אַז אין געטאָ „האָט דער קאַמף אויפגעפלאַקערט אויף ס'נײַ". איבעריקנס, האָט סטראָאָפּ אַליין נישט געגלויבט, אַז דער ווידערשטאַנד פון די ייִדן איז שוין לגמרי דערשטיקט, והא ראיה: ער האָט נאָכן 16טן מײַ באַשטימט אַ ספּעציעלן פּאָליציי־באַטאַליאָן מיט אַ הויכן אָפיציר בראש צו קאָנטינויִרן די ליקווידיר־אַקציע אין חרובן געטאָ.

וואָס ווייסן מיר וועגן די ווײַטערדיקע קאַמפן פון די לעצטע ייִדישע אויפשטענדלערס?

מיר הערן וועגן אַ קעגנזײַטיקער שיסערײַ דעם 18טן מײַ. מיר דערוויסן זיך אַז אויף צו מאָרגנס, דעם 19טן מײַ, ברעכן אויס קאַמפן אויפן ראָג גענשע און נאַלעווקעס; לויט אַלע שפּורן קעמפט דאָ די חורבות־גרופּע פון שמעון מעלאָן. דעם זעלביקן טאָג שטעלט אַ ווידערשטאַנד די בונקער־גרופּע אויף מילע 44. נאָכן 19טן מײַ הערן מיר נישט מער אין די ביז איצט באַקאַנטע מקורים וועגן מילע־גאַס. מען קען אַזוי אַרום אָננעמען, אַז די דאָזיקע העלדישע גאַס און צענטער פון דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג איז אין דער צווייטער העלפט מײַ דערשטיקט געוואָרן אין בלוט און פײַער און איז אומגעקומען אין לעצטן אומגלײַכן געראַנגל. פון אַן עדות דערוויסן מיר זיך בלויז, אַז צווישן די לעצטע קאָמאַנדירן פון מילע־גאַס זענען געווען די אַרבעטער הערש פעלהענדלער און האַכבוים.

נאָך מילע קומט די ריי אויף די נאַלעווקעס. די לעצטע קאַמפן זאָלן דאָ האָבן פאָרגעקומען אין די בונקערס פון די הײַזער נומער 37 און 38. סוף מײַ בלײַבט שווײַגן אויך די דאָזיקע אַ מאָל רוישיקע ייִדישע גאַס.

דעם 20טן מײַ ברעכן אויס נײַע קאַמפן אויף נאָוואָליפּקע און נאָוואָליפּיע. ווי עס גיט איבער די פּוילישע אונטערערדישע פּרעסע, הערט מען כסדר קעגנזײַטיקע שיסערײַען און שלאַכטאָפּהילכן פון די דאָזיקע גאַסן. וועגן גורל פון די קאַמפן ווייסן מיר, צום באַדויערן, ווייניק.

צו די געשעענישן פון סוף מײַ דאַרף מען פאַררעכענען אויך די באַוואָפנטע פאַרטיידיקונגען פון אַרבעטער־בונקערס אויף אָקאָ־

פּאָווע און דעם פאַקט, וואָס די פּליטים פון די דאָזיקע בונקערס געלינגט נאָך די שלאַכטן זיך אדורכצורײַסן אַזש ביז וואָלאָווע, ווו זיי פאַראייניקן זיך מיט אַן אָרטיקער חורבות־גרופּע.

דעם 31טן מײַ איז בײַם גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק אין קראָקע פאָרגעקומען אַ זיצונג פון די „מיניסטאָרן" פון דער גענעראַל־גובערניע. צווישן אַנדערס איז געווען אַ רייד וועגן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. מען האָט אויף דער זיצונג איבערגעגעבן, אַז נאָך איצטער, דעם 31טן מײַ, שלאָגן זיך די ייִדן קעגן די דײַטשן אין וואַרשע.

אָט אַזוי טרעטן מיר צו צום דריטן חודש, צו יוני. נישט געקוקט אויף דעם שרעקלעכן הונגער און דאָרשט, וואָס פּײַניקן די לעצטע בונקער־גרופּעס, הערט מען נישט פון דעסט וועגן וועגן קאַפּיטולאַציע. פאַרקערט: דער „גלאָס וואַרשאַווי" פון 8טן יוני שרײַבט וועגן דעם, אַז די לעצטע טעג האָבן די געטאָ־קעמפערס דורכגעפירט פרישע אָנפאַלן אויף די מויערן און דערהרגעט אַלע זשאַנדאַרן. פון ייִדישע קוואַלן ווייסן מיר וועגן די לעצטע קאַמפן פון דער גרופּע פון זכריה אַרטשטיין אויף באָניפראַטן. אַן עדות גיט טאַקע איבער וועגן דעם פּרווו פון אָט דער גרופּע אָנהייב יוני צו שטורעמען דעם געטאָ־מויער; דער מוטיקער קאָמאַנדיר אַרטשטיין, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען אין יאַנואַר 1943, פאַלט מיט אַ העלדנטויט בײַ אָט דער אַקציע. אין דער געגנט פון מוראַנאָווער פּלאַץ און באָניפראַטן אָפּערירט אַ באַוואָפנטע טראַנספּאָרטלער־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון משה באָלשעוויק (אַ פּסעוודאָנים). עס שטעלן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד דער דײַטשער פּאָליציי קלענערע גרופּעס פון יוגנטלעכע אויף קוזשע־גאַס (מײַזעלס־גאַס) און די אַנדערע פּונקטן. אַזעלכע פאַלן זענען געווים געווען אין משך פון חודש יוני מער, אָבער איצט ווערן די ידיעות אַלץ שיטערער און מטושטש. עס פעלן איינצלנע נעמען פון מענטשן, עס ווערן דאָ און דאָרט דערמאָנט גאַסן, אָבער קיין בילד קאָן מען שוין פון אָט די לויזע גרוסן נישט אויפשטעלן.

אָבער אַ פלעמל פון ווידערשטאַנד טליִעט נאָך אַלץ. עס טוט אַ בליץ אויף אַפילו אינעם פערטן חודש — אין יולי. דאָס זענען שוין די סאַמע לעצטע איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען פון די ביזן העכסטן גראַד דערשעפּטע קעמפערס ,וואָס וואַלגערן זיך צווישן די חורבות פונעם פּירעק שוויענטאָיערסקע־וואָלאָווע־פראַנצישקאַנער־מוראַנאָווער פּלאַץ און זייער זעלטן אויך אויף די אויסגעשטאָרבענע גאַסן זאַמענהאָף און פּאַוויע.

אויף וואָלאָווע פיר נעמט אויף מעלאַנס גרופּע מיט קוילן אַ פּאָליציייִשע קאָלאָנע, וועלכע דרינגט אַרײַן אין אָט דעם פּלאַץ מיטן האָרסט־וועסל־ליד אויף די ליפּן.

אָנהייב יולי שטעלט אַ ווידערשטאַנד אַ טרעגער־בונקער אויף פראַנצישקאַנער 37.

לפי ערך אין דער זעלביקער צײַט קומט פאָר אַ שלאַכט אויף נאַלעווקעס און זאַמענהאָף.

ווי וווּנדערלעך גרויס עס איז געווען דער מוט פון דעם לעצטן הייפל קעמפערס קאָן דערווײַזן דער פאַקט, וואָס דעם 14טן יוני איז אינעם בונקער אויף שוויענטאָיערסקע 34 פאָרגעקומען — ווי עס גיט איבער דער איינציק געבליבענער עד־ראיה לעאָן נײַבערג — אַ פאַרזאַמלונג מיט דער באַטייליקונג פון אַ גרעסערער צאָל אויפשטענדלערס, וואָס באַשליסן אַרויסצושיקן אַ דעלעגאַציע צו די פירערס פון דער אַנטיפאַשיסטישער פּוילישער אונטערערד מיט אַ ווענדונג וועגן געווער און אַמוניציע, כדי צו קאָנען ממשיך זײַן דעם געראַנגל.

אין די לעצטע וואָכן האָט זיך ווידער פאַרשטאַרקט די הילפאַקציע פון די פּוילישע אַנטיפאַשיסטן פון יענער זײַט געטאָ־מויער. די פּפּ"ר שטעלט אויף אין אַ רייע ערטער נאָענט פון געטאָ פּונקטן מיט אייגענע מענטשן, וועלכע דאַרפן ראַטעווען וועמען עס וועט זיך לאָזן. אין אָט דער צײַט צייכענען זיך אויס מיט זייער אמתער מענטשלעכקייט די מיטגלידער אָדער סימפּאַטיזירערס פון פּפּ"ר: די ברידער שימטשאַק, דער הויזוועכטער וואַשילעווסקי און זײַן פרוי, דער קאַפּיטאַן פון דער פאָלקסגוואַרדיע מילער, אַ גרופּע ווײַסל־אַרבעטערס, דער קוימען־קערער איגנאַצי סאָוויצקי און אַ סך אַנדערע. די דאָזיקע אַנטיפאַשיסטן און מענטשנפרײַנד איז אויסגעקומען — פּונקט ווי די צום מערסטן גערודפטע ייִדן — אויסצושטיין אַ ביטערן קאַמף אויף צוויי פראָנטן: קעגן די היטלעריסטן און קעגן די „אייגענע" פאַררעטערס פון נס"ז און „סטאַרט" און די כאַפּטעס „שמאַלצאָווניקעס", וואָס לויערן בײַ די געטאָ־מויערן און אויף די שטאָטגאַסן אויף אַ קרבן. מיט אַזעלכע היענעס אין מענטשלעכן געשטאַלט איז אויסגעקומען צו קעמפן מיט געווער אין האַנט אַ ריי ייִדישע חורבות־גרופּעס אין געטאָ און אויף זײַנע ראַנדן.

די לעצטע ייִדישע גרופּע איז אַרויס פון געטאָ אויף דער „אַרישער" זײַט מיט געווער אין האַנט דעם 23טן סעפּטעמבער. דאָס איז געווען דער לעצטער אַרויספאַל פון די מאָהיקאַנער פונעם אויפשטאַנד. אָבער אין פאַרשידענע לעכער אונטער די חורבות זענען נאָך געבליבן אַנדערע, וואָס אַלע שפּורן נאָך זיי זענען פאַרשוווּנדן.

ווי איז געווען דאָס גורל פון די לעצט אַרויסגעגאַנגענע געטאָ־קעמפערס?

הינטער זיי איז געבליבן אַ ריזיקע וויסטעניש פון חורבות און ברוך, אײַנגעהילט אין אַ טויטער שטילקייט, וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער דעם אויסגעמאָרדעטן און פולשטענדיק צעשטערטן געטאָ.

פאַר זיי איז געלעגן די שטאָט, פול מיט סכנות, אָבער אויך רײַך אין מעגלעכקייטן אונטערצונעמען אַ ווײַטערדיקן קאַמף, ממשיך צו זײַן דעם איבערמענטשלעכן געראַנגל ,וואָס איז אַזוי בלוטיק און סאַדיסטיש דערשטיקט געוואָרן דורך דער עס־עס, פּאָליציי, רײַכסווער און פאַשיסטישן ערב־רב.

מיר וועלן זיך אויף דעם אָרט נישט אָפּשטעלן אויפן פאַרנעם און אויף די אופנים פון דעם פעלקערמאָרד אין וואַרשעווער געטאָ. דערצו פאָדערט זיך אַ באַזונדערע בפרטיותדיקע אַרבעט. מיר זענען אויסן נאָר אונטערצושטרײַכן, אַז לויט אַלע וואָרשײַנלעכקייטן זענען דורך די מאָרדבאַנדעס פון עס־עס־גענעראַל יורגען סטראָאָפּ אומגעבראַכט געוואָרן אויפן אָרט, אין פלאַמען און אין פאַרפלייצטע קאַנאַלן, אונטער די אויפגעריסענע חורבות און דורך דערשיסונגען און אויך דורך דעם, וואָס מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אויף טויט אין די אומקום־לאַגערן — איבער 70 טויזנט ייִדן, מענער און פרויען ,קינדער און זקנים, קראַנקע און אינוואַלידן. אויפן סמך פון די צאָלן וואָס עס גיט אָן סטראָאָפּ ,קאָן מען אָננעמען, אַז אַרום פינף מיט אַ האַלבן טויזנט ייִדן זענען געפאַלן אין קאַמף. די דאָזיקע ציפערן באַגרענעצן זיך נאָר צו דער צײַט ביזן 16טן מײַ.

וויפל עס זענען געפאַלן פאַשיסטן מכל המינים, איז שווער געננוי פעסטצושטעלן. סטראָאָפּ פאַרקלענערט אין זײַנע ראַפּאָרטן בכיוון די צאָל פון די אייגענע פאַרלוסטן. אין די שפּעטערדיקע

שמועסן האָט ער באַטאָנט, אַז דאָס רוב פאַרוואונדעטע האָט ער בכלל נישט אַרײַנגענומען אין חשבון. די רשימה פון די נעמען פון די געפאַלענע און פאַרוואונדעטע, וואָס סטראָאָפּ גיט אָן בײַם אָנהייב פון זײַן ראַפּאָרט, שפּיגלט נישט אָפּ די ווירקלעכקייט, און מען דאַרף זיך משער זײַן אַז דאָס איז געווען אַ צעטל פון די, וועלכע דער עס-עס-גענעראַל האָט געוואָלט צושטעלן צו באַלוינונג. די פּוילישע אונטערערדישע פּרעסע גיט אָן אַ סך גרעסערע ציפערן פון דעם שונאס פאַרלוסטן, — לויט אונדזער מיינונג — נאָענטע צום אמת.

פאַר זײַנע פאַרדינסטן בײַם דערשטיקן דעם געטאָ-אויפשטאַנד איז יורגען סטראָאָפּ באַלוינט געוואָרן דורכן פעלדמאַרשאַל קייטעל אויף הימלערס פאָרשלאָג דעם 18טן יוני 1943 מיט אַן אײַזערנעם קרייץ פון ערשטן קלאַס. אויסצייכענונגען האָבן באַקומען אויך אַ ריי אָפיצירן און זעלנערס פון דער מערדער-אַרמיי פאַר פאַרשידענע „אויפטוען".

דעם 18טן יוני איז אַראָפּגעקומען מיט אַן אָפיציעלן וויזיט קיין ווארשע דער גענעראַל-גובערנאַטאָר פראַנק אין דער געזעלשאַפט פון אַ צאָלרײַכער סוויטע. צוויי טעג האָט פראַנק פאַרבראַכט אין דער „פּאַציפיצירטער" שטאָט. ער האָט באַזוכט די געטאָ-חורבות און דערנאָך אינעם בעלוועדער-פּאַלאַץ אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ מיט פישערן און סטראָאָפּן. צום סוף פון דעם וויזיט האָט פראַנק געהאַלטן אַ רעפעראַט אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג פון די אָקופּאַנטישע באַאַמטע אינעם קינאָזאַל „ראָמאַ". ער האָט גערעדט אויך וועגן די לעצטע געשעענישן אין ווארשע, וועגן „די שווערע מינוטן, וועלכע די דײַטשן ,וואָס אַרבעטן אין ווארשע אויף אַרויס-גערוקטע שטעלעס ,האָבן געמוזט אַדורכלעבן" („אינפאָרמאַציאַ ביעזשאָנצאַ" פון 23טן יוני 1943). ער האָט געדראָעט די „עלעמענטן וואָס וועלן זיך נישט פאַרבעסערן" מיט ווײַטערדיקן טעראָר. נאָך זײַן אָפּפאָר פון ווארשע איז דער פּאָליציי-גאַרניזאָן אין ווארשע נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן.

וואָרעם ווארשע האָט זיך נישט אײַנגעשטילט און דאָס לאַנד אויך נישט. דער געטאָ-אויפשטאַנד האָט געגעבן אַ שטויס צו ווײַטערדיקע שטײַגנדיקע ווידערשטאַנד-אַקטן.

— 8 —

## די ווירקונג און דער קולט פונעם געטאָ-אויפשטאַנד

דער גרוס וועגן אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ האָט זיך ברייט פאַרשפּרייט נישט נאָר איבער דער שטאָט, נישט נאָר איבער דעם אָקופּירטן פּוילן, נאָר אויך ווײַט מחוץ די גרענעצן פון לאַנד.

די אַקטיווע אמת-פּאַטריאָטישע עלעמענטן האָבן זיך נישט באַפרידיקט מיט אויסדריקן אַנטציקונג פאַרן אויסערגעוויינלעכן קאַמף: אַלע ערלעכע מענטשן האָבן פאַרשטאַנען און אַרויסגעפילט די לערע וואָס שטעקט אין דעם קאַמפּסבײַשפּיל, וועלכן דאָס ווארשעווער געטאָ האָט געוויזן אין די דערהויבענע און טראַגישע טעג פון אַפּריל-מײַ-יוני 1943. די סטימולירנדיקע, מיטרײַסנדיקע און דערציִערישע באַדײַטונג פונעם געטאָ-אויפשטאַנד האָט זיך אַנטפּלעקט דירעקט און שנעל.

די ערשטע ווירקונג פונעם אויפשטאַנד האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף די לעצט פאַרבליבענע ייִדישע קיבוצים, וואָס האָבן אין יאָר 1943 אויסגעזען ווי זעלטענע אינדזלען אין ים פון בלוט און פאַרוויסטונג.

דער לעצטער געראַנגל פון די ייִדישע קעמפערס אין טשענסטאָכאָוו, בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון דעם דאָרטיקן געטאָ אין די טעג פון 23טן און 29טן יוני איז געווען באַווירקט דורך די קאַרגע אָבער ליכטיקע ידיעות וואָס זענען אָנגעקומען אַהער פון ווארשעווער געטאָ.

דער בונט וואָס איז אויסגעבראָכן דעם 2טן אויגוסט 1943 אין דעם טויטלאַגער טרעבלינקע, איז געווען אַ רעזולטאַט פון די דערמאָנטערנדיקע גרוסן, וועלכע זענען דערגאַנגען אַהער פון ווארשעווער געטאָ, געבראַכט דורך די ייִדן, אָנגעקומענע מיט די טראַנספּאָרטן פון ווארשעווער אומשלאַג-פּלאַץ.

דער פאַרצווייפלטער אַקטיווער ווידערשטאַנד, וואָס עס האָט געשטעלט די ייִדישע קאַמפּסגרופּע פון בענדינער געטאָ דעם דריטן אויגוסט 1943 אין אַ באַפעסטיקטן בונקער, איז געווען דירעקט אָרגאַניזירט דורך די פאָרשטייערס פון דער ייִדישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע פון ווארשעווער געטאָ.

איבערן אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ, וואָס איז אויסגעבראָכן דעם 16טן אויגוסט 1943 און האָט געדויערט אַ משך פון אַ סך טעג, האָט געהויכט דער גײַסט פון די ווארשעווער געטאָ-אויפשטענדלערס.

אויך אין דעם טויטלאַגער סאָביבאָר איז אַרײַנגעדרונגען די באַגײַסטערנדיקע בשורה פון דעם אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ. דעם 14טן אָקטאָבער זענען די ייִדישע אסורים פון סאָביבאָר אַרויס אין קאַמף אויף לעבן און טויט קעגן די פאַשיסטישע פעלקערמערדערס ,שפּינענדיק אַזוי אַרום ווײַטער דעם גאָלדענעם פאָדעם פון די ווארשעווער געטאָהעלדן.

צווישן די ייִדן פון ווארשעווער געטאָ, וואָס זענען אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון סטראָאָפּס באַנדיטן און זענען געבראַכט געוואָרן אין דעם לאַגער אין פּאָניאַטאָוו, אין לובלינער געגנט, האָט זיך געפונען אַ פעסטע גרופּע קעמפערס. אינעם לאַגער האָט מען זיך גענומען גרייטן צו אַ ווידערשטאַנד, שטרעבנדיק ממשיך צו זײַן דעם קאַמף וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן אין ווארשע. עס זענען אויך געווען קאָנטאַקטן מיט די אַרומיקע סאָוועטישע פּאַרטיזאַנערס. לײַדער איז דער שונא פאַרלאָפן דעם וועג; אין נאָוועמבער 1943 איז געפאַלן דער שוואַרצער פּסק-דין, און די ייִדישע אַרבעטערס פון פּאָניאַטאָוו און טראַווניק זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן צום אומקום.

אין דעם לעצטן מאָמענט האָט זיך אַ גרופּע געוועזענע מיטגלידער פון דער ייִדישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע פאַרבאַריקאַדירט אין אַ הויז און געשטעלט אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד. די היטלעריסטישע מערדערס האָבן אונטערגעצונדן דאָס הויז; די ייִדישע קעמפערס, די לעצטע מאָהיקאַנער פון ווארשעווער געטאָ-אויפשטאַנד, זענען אומגעקומען אין פלאַמען אין נאָוועמבער 1943 אין פּאָניאַטאָווער לאַגער.

פּרוּוון פון אַקטיוון ווידערשטאַנד זענען אויך געמאַכט געוואָרן אין טראַווניקער לאַגער.

דער המשך פון דעם העלדישן געטאָקאַמף האָט אַ קאָנקרעטן תיקון באַקומען בײַ יענע אויפשטענדלערס וואָס זענען דעם 26טן אַפּריל און דעם 10טן מײַ אַרויסגעפירט געוואָרן דורך דער פּאָלקסגוואַרדיע דורך די אונטערערדישע קאַנאַלן און זענען אַוועק קאָנטינויִרן דעם געראַנגל אין די רייען פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. אין די ווישקאָווער וועלדער האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אין אַ

יידישער אפטיילונג פון דער פאלקסגווארדיע אונטערן נאמען „מרדכי אניעלעוויטש" אדער „געטאקעמפערס". לאמיר ביי דער געלעגנהייט דערמאנען די נעמען פון די פוילישע אנטיפאשיסטן, וואס האבן זיי געהאלפן אין אלע הינזיכטן: די פפ"ר־טוערס סטאניסלאוו לאסקאווסקי און סטאניסלאוו שיקארסקי און דער לינקער סאציאליסט יוזעף פערא און זיין איידעם וולאדיסלאוו שוויענטאכאווסקי. די יידישע פארטיזאנערס זענען געווען נישט שלעכט באוואפנט א דאנק דעם געווער וועלכן עס האבן אראפגעווארפן סאוועטישע עראפלאנען, געווער האבן זיי אויך דעראבערט ביים שונא.

צווישן די ארכיוואלע מאטעריאלן פון דער פאלקסגווארדיע געפינען זיך א סך ידיעות וועגן דעם לעבן און קאמף פון דעם פארטיזאנישן אפטייל פון די געטאקעמפערס: קאמפראפארטן, באריכטן פון עקספעדיציעס מצד פארשטייערס פון דער הויפט־אנפירונג פון דער פאלקסגווארדיע, אינפארמאציעס און קאמוניקאטן אין דער פרעסע. דאס אלץ דערוויזט פון איין זייט, אז די יידישע אפטיילונג איז געווען א קאמף־טעטיקע און האט פארנומען א חשובן ארט אין דער פאלקסגווארדיע, און פון דער צווייטער — אז די אנפירונג פון דער „גווארדיא לודאווא" האט געשאנקען א באזונדער אויפמערקזאמקייט און השגחה די נעכטיקע געטא־אויפשטענדלערס און היינטיקע פארטיזאנערס.

שווער איז געווען דאס לעבן אין וואלד, פול מיט סכנות, שווער בפרט פארן שטאטישן מענטש. אבער די פארטיזאנישע באדינגונגען האבן געגעבן מער מעגלעכקייט פון נקמה נעמען אינעם שונא, און ווי שטייט עס געשריבן אין א פארטיזאניש ליד: „אין וואלד האבן מיר געקאנט אויפהייבן די קעפ".

שוין אין די ערשטע טעג האט די יידישע אפטיילונג געליטן א וויטיקלעכן פארלוסט: זעקס איבערגעגעבענע קאמפס־חברים מיט די העלדישע אויפשטענדלערס דוויד נאוואדווארסקי און דארקע דעמבינסקא בראש זענען געפאלן אין אן אומגלייכן קאמף מיט די איבערוועגנדיקע כוחות פון דער פאליציי. דאס האט די פארטיזאנערס נישט אפגעשראקן, און שוין אין יוני 1943 — לייענען מיר אין א ראפארט — פירן זיי דורך א ריי ערנסטע קאמפאקציעס אין דער געגנט. כדי די אפטיילונג זאל זיך קאנען בעסער באוועגן, ווערט זי צעטיילט אין דריי דרוזשינעס אונטער דער אנפירונג פון די קאמאנדירן יאנעק שווארצפוס, מרדכי גראווער און איגנאץ פאדאלסקי.

דער שלאכטרום פון די געטא־פארטיזאנערס האט זיך שנעל צעשפרייט אין דער געגנט. נישט ווייט פון די ווארשעווער וועלדער, אינעם ווענגראווער פאוויאט, האט זיך געפונען א לאגער פון סאוועטישע קריגס־געפאנגענע, דער לאגער נומער 333. סאוועטישע סאלדאטן און אפיצירן הייבן אן אנטלויפן פונעם לאגער, זיי טרעטן אריין אין די פארטיזאנישע רייען; א טייל פאראייניקט זיך מיט דער אניעלעוויטש־אפטיילונג. די אפטיילונג פון דער פאלקסגווארדיע שאפט דעמאלט נאך צוויי פארטיזאנישע גרופעס מיט די סאוועטישע קאמאנדירן מיכאיל אסיעטשיניעץ און סעמיאנאוו בראש; אין איינעם מיט די דריי יידישע דרוזשינעס שאפן זיי א שטארקן פארטיזאנישן אטריאד, וועלכער באשטייט איצט פון יידן, רוסן, ארמענער, גרוזינער, טאדזשיקן, אסעטינער, אוזבעקן, אזערביידזשאנער — א גאנצע פילנאציאנאלע פארטיזאנישע רעפובליק. אויך וועגן דעם דערציילן אונדז די ארכיוואלע מאטעריאלן פון דער פאלקסגווארדיע. די קאמפאקציעס ווערן איצט אן דורכגעפירט אין איינעם.

אין אויגוסט אדער אין סעפטעמבער 1943 (די ראפארטן און די גביות־עדות אמפערן זיך וועגן דער גענויער דאטע, אבער נישט וועגן דער זאך גופא) האט א דרוזשינע, אונטער דער אנפירונג פון יאנעק שווארצפוס און מיט דער באטייליקונג פונעם „זשאב"־שטאב־מיטגליד מיכאל ראזענפעלד, דורכגעפירט א העלדישע אקציע הינטער דער באנסטאנציע אורלע, אויף דער ליניע, וואס פירט פון ווארשע אויף מיזרח. דער אונטערגעלייגטער דינאמיט האט אויפגעריסן א מיליטערישן צוג, דערהרגעט אזוי ארום א סך זעלנערס פון שונא און פארטיליקט א ריזיקן טראנספארט אמוניציע.

דאס איז געווען די לעצטע גרויסע אקציע פון דער גרופע. כמעט אלע פארטיזאנערס פון דער אניעלעוויטש־אפטיילונג זענען געפאלן אין קאמף. די גרופע פון שווארצפוס און ראזענפעלד איז ארומגערינגלט געווארן נאך דער אורלע־אקציע אינעם דארף קראווצאוויזנע דורך א שטארקער דייטשער אפטיילונג, וואס איז אנגעקומען פון טלושטש, אונטער דער אנפירונג פון די זשאנדארמעריע־אפיצירן שטיין און שעפעלד. דאס שטייארט פון די יידישע פארטיזאנערס האט אויסגענוצט א פוילישער פאררעטער. נאך א לאנגן פארביטערטן קאמף זענען געפאלן יאנעק שווארצפוס, מיכאל ראזענפעלד, גוטע טייכלער, זאשע, לעוווסקי, עמיל, „ראבין" (א פסעוודאנים) און אנדערע. בלויז צוויי איז געלונגען זיך ארויסצורייסן און אנטלויפן.

די צווייטע דרוזשינע, פון מרדכי גראווער, איז אויף א פאררעטערישן אופן ארומגערינגלט און אויסגעראטן געווארן דורך א רעאקציאנערער א"ק־אפטיילונג, וואס האט גראסירט א ביסל ווייטער פון די ווישקאווער וועלדער. די דריטע דרוזשינע, פון איגנאץ פאדאלסקי — איינער פון די העלדן פון די קאמפן טעבענס־שולץ־געביט אין געטא — האט נאך א געוויסער צייט דורכגעפירט אין איינעם מיט די סאוועטישע שלאכטברידער א ריי אקציעס. דאס רוב סאוועטישע פארטיזאנערס איז אויך אומגעקומען ביי פארשידענע שלאכטן. פאדאלסקיס גרופע איז צוליב דעם, וואס אין ווישקאווער געגנט האט שוין דער באדן געברענט אונטער די פיס, אוועק אויף מיזרח, כדי זיך צו פאראייניקן מיט די דארטיקע גרויסע פארטיזאנישע מחנות. אויפן וועג, אין א דארף פניוואוו, איז די יידישע גרופע אויף א פאררעטערישן אופן באפאלן געווארן דורך א נס"ז־באנדע, און נאך א פארצווייפלטער זעקס־שעהעדיקער פארטיידיקונג זענען אלע יידישע פארטיזאנערס אין איינעם מיטן קאמאנדיר געפאלן. בלויז איינעם איז געלונגען זיך אדורכצורייסן און צו ברענגען די טרויעריקע ידיעה צו די יידישע פארטיזאנערס פון די ביאליסטאקער וועלדער.

אין דער ווארשעווער געגנט האט נאך א געוויסע צייט אפערירט די לעצטע גרופע פון דער אניעלעוויטש־אפטיילונג אונטער דער אנפירונג פון קאמאנדיר יורעק (דער פאמיליע־נאמען איז אונדז נישט באקאנט).

אט אזוי איז די פאן פונעם אויפשטאנד הויך געטראגן געווארן אין די וועלדער דורך די מאהיקאנער פון די קאמפן אין ווארשעווער געטא.

דער ביישפיל פון די ווארשעווער געטאקעמפערס האט אויך באגייסטערט די יידישע פארטיזאנערס אין די ביאליסטאקער און לובלינער וועלדער. אומעטום איז ממשיך געווארן דער קאמף, וואס איז אין פייער און בלוט דערשטיקט געווארן דורך די פעלקערמערדערס אויף די חורבות פון ווארשעווער געטא.

דער ביישפיללאזער געטא־אויפשטאנד האט באגייסטערט נישט בלויז די יידן. די פוילישע ווידערשטאנד־באוועגונג בכלל האט בא־

קומען דורך דעם געטאָקאַמף נאָך איין שטאַרקן סטימול צו ווײַטער־דיקע, נאָך מער אויפגעשטיגענע מעשים. די פּוילישע אַנטיפאַשיס־טישע דעמאָקראַטיש־פּאַטריאָטישע אונטערערדישע פּרעסע האָט בײַ די פאַרשידנסטע געלעגנהייטן אַרויסגערוקט דעם געטאָ־אויפ־שטאַנד ווי אַ מוסטער, ווי אַ לערע, ווי אַזוי יעדער פּאַטריאָט, אויך דער פּוילישער, דאַרף האַנדלען אין אַנבליק פון די גרעסטע גע־פאַרן, אין אַנבליק פון די נײַע אויפגאַבעס.

אין משך פון דעם גאַנצן פאַרלויף פונעם געטאָ־אויפשטאַנד האָט די פאָלקסגוואַרדיע אָרגאַניזירט און דורכגעפירט פאַרשידענע קאַמפּאַקציעס אין ווארשע און אין אַנדערע געגנטן פון לאַנד. חוץ די אַקציעס, וועלכע זענען געווען דירעקט פאַרבונדן מיט טראָגן הילף דעם געטאָ, האָט די פאָלקסגוואַרדיע רעאַליזירט נאָך אַ רײ נקמה־אַקטן, ווי די באַוואָפנטע אָנפאַלן אויף היטלערישע לאָקאַלן און טראַמווײַען דעם 11טן יוני 1943, ווי דער גראַנאַטן־אָנגריף אויף אַ מאַרשירנדיקער קאָלאָנע פון ס"אַ־לײַט אויף ראָג ווילטשע און אויאַזדאָווער אַלייען דעם 15טן יולי 1943 (דער עס־עס־ און פּאָליציי־פירער סטראָאָפּ האָט אַלס ענטפער געהייסן דערשיסן הונ־דערט פּוילישע ערבות־לײַט), ווי די גרויסע סאַבאָטאַזש־אַקציעס פון דער זוו"מ־יוגנט*) אויף דער סטאַנציע מיענדזילעשיע הינטער ווארשע (דעם 8טן דעצעמבער 1943) און אויף דער באַנליניע ווארשע־לובלין (דעם 18טן דעצעמבער 1943) און נאָך און נאָך.

די פּוילישע אַנטיפאַשיסטיש־פּאַטריאָטישע ווידערשטאַנד־באַ־וועגונג אונטער דער אָנפירונג פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי האָט כסדר, אויף טריט און שריט, אונטערגעשטראָכן דעם היסטאָ־רישן באַטײַט פונעם געטאָ־אויפשטאַנד, בײַ יעדער געלעגנהייט מיט יראת־הכבוד דערמאָנט דעם הייליקן אָנדענק פון די קעמפערס און מאַרטירערס פון ווארשעווער געטאָ.

אויף דער היסטאָרישער זיצונג אין דער נאַכט פון 31טן דע־צעמבער 1943 אויפן 1טן יאַנואַר 1944, ווען עס איז אין אַ קאָנ־ספּיראַטיווער דירה אויף טוואַרדע־גאַס אונטער דעם פאָרזיץ פון באָלעסלאַוו ביערוט פאָרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דעם נאַציאָנאַלן לאַנדראַט קר"נ — פון אָט דער נײַער פאָרעם פון דער אַרבעטער־פּויערישער מאַכט — האָט צוזאַמען מיטן אומשטערב־לעכן גײַסט פון די טויזנטער געפאַלענע פּוילישע פרײַהייטס־קעמ־פערס געאָטעמט איבער די אָנוועזנדיקע אויך די הייליקע דערמאָנונג פון די אומפאַרגעסלעכע אויפשטענדלערס פון ווארשעווער געטאָ.

אין אויגוסט 1944 האָט אויף די פּאָזיציעס פון אַלטשטאָט, אָרעם בײַ אָרעם מיט דער העלדישער פאָלקסגוואַרדיע געקעמפט ווי אירער אַן אָרגאַנישער טייל די לעצטע גרופּע פון „זשאָב". דער טראַגישער אויפשטאַנד, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַגענטן פון לאָנדאָן מיט אַנטיסאָוועטישע און אַנטיפּוילישע צילן, האָט זײַן רעאַקציאָנערן פּרצוף אַרויסגעוויזן אויך לגבי די קרוב צוואַנציק טויזנט ייִדן, וואָס האָבן זיך נאָך דעמאָלט אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע ערטער אין ווארשע. צוזאַמען מיט די היטלעריס־טישע חיות, אין איינעם מיט די בלוטדאָרשטיקע וולאַסאָוו־לײַט, האָבן רעאַקציאָנערע אָפּטיילונגען פון א"ק געמאָרדעט די לעצטע ייִדן, צווישן אַנדערע די גריכישע ייִדן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דער פּאַוויאַק־תפיסה און געוואָלט צושטיין צום אויפשטאַנד.

די פאָלקסגוואַרדיע האָט אין יענע גרויליקע טעג געראַטעוועט ייִדן ווּוּ עס האָט זיך נאָר געלאָזט. זי האָט אַפילו געשוינט די ייִדישע קעמפערס אויף די פּאָזיציעס פון אַלטשטאָט, אַרויסגייענ־דיק פון שטאַנדפּונקט אַז אָט די איינציקע און זעלטענע דירעקטע עדות פון דער געטאָ־טראַגעדיע און פונעם געטאָ־אויפשטאַנד טאָר מען נישט שיקן אויפן ערשטן פײַער, כדי עס זאָלן בלײַבן לעבן די איינציקע עדות וואָס וועלן דאַרפן נאָך דער באַפרײַונג זײַן די אוי־טענטישע באַשולדיקערס קעגן דעם פעלקערמערדערישן היטלעריזם, און די טרעגערס פון די ידיעות וועגן דעם וווּנדערלעכן אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ.

אָט אַזוי האָט זיך איבער בונקערס און וועלדער, איבער באַ־ריקאַדן און אָקאָפּעס, איבער פאַבריקן און פעלדער געטראָגן די לעבעדיקע טראַדיציע פונעם ווארשעווער געטאָקאַמף. די בשורה האָט זיך איבערגעטראָגן ווײַט איבער די גרענעצן פון אָקופּירטן פּוילן, איבער דער פראָנטליניע, דערגרייכט צו דער שארית־הפליטה פון די פּוילישע ייִדן אין ראַטן־פאַרבאַנד, אויפגענומען געוואָרן מיט אָנערקענונג און ברידערלעכע געפילן דורכן סאָוועטישן מענטש. דער גרוס פונעם געטאָקאַמף האָט געפונען אַן אויסדרוק אין דער סאָוועטישער פּרעסע, אויף מאַסן־פאַרזאַמלונגען אין מאָסקווע און אַנדערע שטעט פון גרויסן ראַטן־פאַרבאַנד.

די בשורה פונעם אויסערגעוויינלעכן אויפשטאַנד איז מיט אָפענע הערצער אויפגענומען געוואָרן דורך די פרײַשיסערס פון דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, האָט אַרויסגערופן באַגײַס־טערונג צווישן די ייִדישע מאַסן און בײַ אַלע פּראָגרעסיווע מענטשן אין די אַמעריקאַנישע און מערב־אייראָפּעיִשע לענדער, בײַ די ייִדי־שע פאָלקסמאַסן אין ישראל.

„דער העלדישער ווידערשטאַנד פון ווארשעווער געטאָ דויערט שוין חדשים — האָט געשריבן אינעם נומער פון 20טן מײַ דער אָרגאַן פון דער פאָלקסגוואַרדיע „גוואַרדזשיסטאַ". — דאָס איז דער גרעסטער און צום לענגסטן דויערנדיקער אַקט פון באַוואָפנטן ווי־דערשטאַנד אויף די אָקופּירטע געביטן... די ייִדישע באַפעלקערונג רופט היינט מיט איר ווידערשטאַנד אַרויס די באַוווּנדערונג פון דער וועלט. די ייִדישע קעמפערס האָבן אויפגעהויבן איבער איינעם פון די הײַזער, וואָס האָבן זיך פאַרטיידיקט, די ווײַס־רויטע פאָן. דאָס איז אַ סימבאָל, אַז אונדזער קאַמף איז אַ געמיינזאַמער. די העלדישע קעמפערס פון ווארשעווער געטאָ וועלן איבערגיין אין דער געשיכטע פון די באַפרײַונגס־קאַמפן ווי אַ מוסטער פון שרעקלאָזן מוט און דרייסטקייט".

אָט וואָס פאַר אַ הויכע אָפּשאַצונג דער געטאָ־אויפשטאַנד האָט באַקומען אין דעם הויפּטאָרגאַן פון קעמפנדיקן פּוילן.

„דער ביולעטין פון דעם דאָזיקן קאַמף — האָט געשריבן אַ צווייטע פּוילישע דעמאָקראַטישע אונטערערדישע צײַטונג — דאַרף ווערן איבערגעלייענט אויפן פראָנט פון דער קעמפנדיקער מענטש־הייט".

דער אויפשטאַנד פון ווארשעווער געטאָ איז אַרײַן אין פאַנ־טעאָן פון די גרעסנגלען פון ייִדישן פאָלק פאַר „אײַער און אונדזער פרײַהייט".

דער אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ איז אַרײַנגענומען געוואָרן אין גאָלדענעם פאָנד פון דער קאַמף־טראַדיציע פון פּוילישן פאָלק פאַר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרײַונג. אין זײַן פּראָ־גראַם־רעפעראַט אויפן פאַראייניקונגס־קאָנגרעס פון דער פּוילישער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי דעם 15טן דעצעמבער 1948 האָט באָלעסלאַוו ביערוט, רעדנדיק וועגן די טראַדיציעס פון דער פּוי־

*) זוו"מ — „זוויאָנזעק וואַלקי מלאָדיך" — פאַרבאַנד פון יוגנטקאַמף.

לישער אַרבעטער־באַוועגונג, אונטערגעשטראָכן די העלדישקייט פון קעמפנדיקן געטאָ און די וואָפן־ברודערשאַפט פון דער פאָלקס־גוואַרדיע מיט די געטאָקעמפערס.

שרײַבנדיק וועגן דער געשיכטע פון פפּ״ר, האָט דער שעף פונעם הויפּטשטאַב פון דער פאָלקסגוואַרדיע פראַנצישעק יוזשוויאַק מיט שטאַרקע ברידערלעכע ווערטער אָפּגעשאַצט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג און דעם אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ.

רעדנדיק וועגן די קאַמף־טראַדיציעס פון נײַעם פּוילישן מיליטער פון דער פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק, האָט דער סעקרעטאַר פון צ״ק פון פּזפּ״ר עדוואַרד אָכאַב באַטאָנט דעם באַטײַט פון דעם געטאָ־אויפשטאַנד פאַר אָט די טראַדיציעס און פאַר דער דערציִונג פון נײַעם טיפּ פּוילישן פאָלקישן שלאַכטמאַן.

די סאָוועטישע היסטאָריאָגראַפיע האָט געגעבן אַ הויכע אָפּשאַצונג דעם אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ. אַ כאַראַקטעריסטישן אויסדרוק פון אָט דער אָפּשאַצונג ברענגט די נײַע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע (יאָר 1951, זיבעטער באַנד, אַרטיקל „וואַרשע", זײַט 16): „אין יאַנואַר 1942 איז אין די באַדינגונגען פון אונטערערד געשאַפן געוואָרן דורך קאָמוניסטן די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי. אין אַפּריל־מײַ 1943 איז פאָרגעקומען דער אויפשטאַנד פון דער באַפעלקערונג פון ייִדישן געטאָ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין וואַרשע דורך די היטלעריסטן. דער אויפשטאַנד האָט מיטגעווירקט צו דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פונעם קאַמף פון פּוילישן פאָלק קעגן אָקופּאַנט און קעגן די פאַרבונדענע מיט אים כוחות פון דער פּוילישער רעאַקציע."

די פּוילישע פאָלקס־רעפּובליק האָט באַערט דעם הייליקן אָנדענק פון די געטאָ־אויפשטענדלערס מיט הויכע מלוכה־אויסצייכענונגען פאַר די געפאַלענע העלדן, פאַר יוסף לעוואַרטאָווסקי, מרדכי אַניעלעוויטש, אַנדזשעי שמיט, יוסף קאַפּלאַן, מיכאל ראָזענפעלד, אַדאַם מערעטיק, אפרים און ליובע פאָנדאַמינסקי, הערש בערלינסקי, אברהם בלום, אריה ווילנער, שמואל ברעסלער, זכריה אַרטשטיין, שנאָן לענט, לוטעק ראָטבלאַט און אַ סך אַנדערע. אויף דעם אויסגעברענטן באָדן פון געטאָ, דאָרטן ווו עס איז אויסגעבראָכן איינער פון די ערשטע קאַמפן, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פּרעכטיקער דענקמאָל צום אייביקן אָנדענק פון די אויפשטענדלערס 2). צענדליקער גאַסן, קאָאָפּעראַטיוון, קלובן, שולן, ביבליאָטעקן, ייִדישע און פּוילישע, זענען אָנגערופן געוואָרן אויף די נעמען פון די העלדן. אויך די ייִדישע פּראָגרעסיווע מאַסן אין אויסלאַנד האָבן אויף פאַרשידענע אופנים באַערט און פאַראייביקט דאָס געדעכעניש פון אונדזערע העלדישע ברידער, וואָס זענען געפאַלן אין אומגלײַכן קאַמף.

לדורות וועט בלײַבן טיף אײַנגעקריצט אין הערצער פון מיליאָנען דער אָנדענק פון די, וואָס האָבן גענומען אויף זיך דעם אומגלײַכן קאַמף מיטן דעמאָלט נאָך מעכטיקן שונא.

דאָס איז נישט קיין טויטער קולט פון אייביק אַוועקגעגאַנגענע העראָסן. דאָס איז אַ לעבעדיקער פאַקל, וועלכער באַשײַנט דעם וועג פאָרויס פאַר מיליאָנען ייִדן און נישט־ייִדן, וואָס שטייען אין האַרטנעקיקן קאַמף פאַר שלום צווישן פעלקער, פאַר פעלקערפרײַנדשאַפט, פאַר אומאָפּהענגיקייט, אין קאַמף קעגן די וואָס ווילן איבערנעמען די באַנקראָטירטע ירושה פון די היטלערישע מחבלים און אויף ס'נײַ אויפבושעווען אַ וועלט־שחיטה.

2) מחבר פונעם דענקמאָל איז דער סקולפּטאָר נתן ראַפּאָפּאָרט.

דעריבער זענען עולה־רגל אויפן נאָמענלאָזן קבר פון דורך דעם פעלקערמערדערישן פאַשיזם אומגעבראַכטן פאָלק, צום דענקמאָל פון די געטאָ־אויפשטענדלערס און צום מוזיי פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, טויזנטער ערלעכע מענטשן אָן אונטערשיד פון נאַציאָנאַליטעט, שפּראַך, קאָליר פון הויט — ייִדן, פּאָליאַקן, סאָוועטישע מענטשן, טשעכן ,בולגאַרן, רומענער, כינעזער, קאָרעאַנער ,אַמעריקאַנער, פראַנצויזן ,איטאַליענער, אירלענדער, אויסטראַליער, איראַנער, נעגער, פאָרשטייערס פון דער דעמאָקראַטישער דײַטשער רעפּובליק. אַלע קומען זיי אָפּגעבן כבוד די אומגעקומענע געטאָ־אויפשטענדלערס און אַלע לייגן זיי בײַ אַ פײַערלעכע שבועה: הייליקן דעם אָנדענק פון די געפאַלענע העלדן דורך דעצידירטן געראַנגל פאַר שלום און פאַר אויסבויען אַ נײַע וועלט אָן ראַסנהאַס, אָן אַנטיסעמיטיזם, אָן דערנידעריקונג פון מענטשן, אָן עקספּלואַטאַציע פון קלאַס דורך קלאַס, אַ וועלט, ווו אַלע פעלקער — גרויסע און קליינע — וועלן זיך קאָנען אויסלעבן פרײַ און אין האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט.

דאָס איז געווען דער טיפסטער באַגער פון די העלדישע אויפשטענדלערס פון וואַרשעווער געטאָ, דער שטאַרקסטער ווילן פון טויזנטער העלדן פון פאַרשידענע פעלקער, וואָס האָבן געשטרעקט זייער לעבן פאַר די שענסטע אידעאַלן פון דער מענטשהייט.

דערמיט וועלן מיר דערפילן די צוואה וואָס די לעצטע פאַרטיידיקערס פון די אונטערגייענדיקע ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ האָבן אונדז איבערגעלאָזט.

———

מען קאָן נישט פאַרענדיקן דעם דאָזיקן איבערזיכט און נישט ווידמענען אַ פּאָר ווערטער דער פּראָבלעם: פאַרברעכן און שטראָף פון די היטלעריסטישע פעלקערמערדערס און זייערע שותפים, וואָס טראָגן די הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן אויסראָטן דעם גרויסן ייִדישן קיבוץ פון וואַרשע און פאַר דערשטיקן מיט די סאַמע בעסטיאַלישע מעטאָדן דעם אויפשטאַנד.

מיט אַ שענדלעכן, פאַרדינטן טויט האָבן זייער פאַרברעכערישע לעבן פאַרענדיקט די נאַציסטישע רוצחים וואָס זענען אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער שטרענגער גערעכטיקייט פון דער פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק: דער גובערנאַטאָר פון וואַרשעווער דיסטריקט לודוויק פישער, דער עס־עס־ און פּאָליציי־גענעראַל יורגען סטראָאָפּ און דער עס־עס־אָבערשטורמפירער פראַנץ קאָנראַד; די דאָזיקע מלחמה־פאַרברעכערס און הענקערס פון דער ייִדישער און פּוילישער באַפעלקערונג אין וואַרשע זענען פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט דורכן פּוילישן פאָלקס־טריבונאַל. די עפנטלעכע פּראָצעסן איבער זיי זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צאָרנדיקן משפּט איבערן היטלעריסטישן ראַסנהאַס און אין מאַניפעסטאַציעס פון סאָלידאַריטעט מיט די קעמפערס און מאַרטירערס פון וואַרשעווער געטאָ, מיטן שווער־געפּרוּווטן ייִדישן פאָלק.

די גערעכטיקע האַנט פון דער פּוילישער פאָלקסיוסטיץ האָט אויך דערגרייכט אַ ריי קלענערע פאַרברעכנס און ייִדנמערדערס פון וואַרשעווער געביט, ווי למשל דעם טראַווניק־מאַן סאָוואַר, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער וואַכקייט אַרום דעם ברענענדיקן געטאָ. מיט לעבנסלענגלעכער תפיסה האָט די פאָלקס־גערעכטיקייט באַצאָלט דעם דאָזיקן פאַשיסט פאַר זײַן „קליינער" מיטבאַטייליקונג אין דער „גרויסער אַקציע".

די גערעכטיקע האַנט פון דער פוילישער פאָלקסיוסטיץ האָט אויך דערגרייכט דעם פאַררעטער וואָס האָט אויסגעגעבן דאָס אָפּרואַרט פון די פּאַרטיזאַנערס פון דער „אַניעלעוויטש״־אָפּטיילונג אין וואַלד, דעם פאַרברעכערישן וואַלדוועכטער יאַן באַבראָווסקי. דער רענעגאַט פון פוילישן פאָלק און מוסר איז פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט.

פונקט אַזוי וואָלט אונדזער פאָלקסיוסטיץ אויסגעמאָסטן די פולע מידת־הדין דעם גענעראַל פון דעם רײַכסווער־גאַרניזאָן אין וואַרשע ראַסום, דעם פּאָליציי־שעף פון דער גענעראַל־גובערניע קריגער, דעם געסטאַפּאָ־ממונה איבער געטאָ בראַנד, דעם פעלקער־מערדער העפלע, דעם פאַבריקאַנט און פאַרטרויונג־מאַן פון עס־עס טעבענס, דעם געטאָ־קאָמיסאַר אוערסוואַלד, דעם שעף פון סטראַפּאַפּס שטאַב יעזוויִטער ,דעם אַדיוטאַנט פון עס־עס־ און פּאָליציי־גענעראַל קאַלעסקי און אַלע אַנדערע גרעסערע און קלענערע מיטפאַרברעכערס פון דעם מאָרד איבער אַ פאָלק.

אָבער גענעראַל ראַסום איז דורך דער רעאַקציאָנערער פראַנצויזישער רעגירונג באַפרײַט געוואָרן פון תפיסה; ער געניסט פון פרײַהייט אונטער די פליגל פון די אַמעריקאַניש־אימפּעריאַליסטישע אַפּוטרופּסים פונעם נעאָנאַציזם; מסתמא גרייט ער זיך שוין ווידער צו נײַע פעלקער־שחיטות.

אָבער דער עס־עס גענעראַל קריגער דרייט זיך ערגעץ אַרום אין די לענדער פון אַטלאַנטישן פּאַקט און געניסט פון זייער פאַרשוועכנדיקער „רעהאַביליטאַציע״ פון דער עס־עס וואָס קומט פאָר אין מערב־דײַטשלאַנד.

אָבער דער בלוטיקער בראַנד און זײַן בוזעמפרײַנד טעבענס זענען געבליבן שטראָפלאָז אין אַמעריקאַניזירטן טייל פון עסטרײַך. ווען מ׳האָט דעם שקלאַפן־באַזיצער טעבענס געכאַפּט און געפירט קיין פּוילן, צו שטעלן פאַר אַ געריכט, האָבן די אַגענטן פון די מערבדיקע אימפּעריאַליסטן אַרויסגעראַטעוועט דעם פעלקערמערדער. דערווײַל האָבן בראַנד און טעבענס זיך אַרויסגעדרייט פון אונדזערע שטראָפנדיקע הענט. אָבער דער בלוטיקער העפלע זיצט זיך רויִק אין זאַלצבורג אונטער די שוצפליגל פון די אַנגלאָ־זאַקסישע אָקופּאַנטן.

אָבער אוערסוואַלד און יעזוויִטער און קאַלעסקי און די אַנדערע האָבן אַ מקום־מקלט געפונען בײַ די זעלביקע, וועלכע האָבן אין די גרויזאַמע חדשים פון 1942 און 1943 פאַרשטאָפּט זייערע אויערן אויפן ווייגעשריי פון אונטערגייענדיקן געטאָ און שטילשווײַגנדיק מסכים געווען צום פאַרברעכן.

מען דאַרף זיי, ווײַזט אויס, נאָך האָבן, אָט די דערפאַרענע פײַניקערס און רוצחים. אָבער מיר גלייבן אַז פריִער צי שפּעטער — זייער סוף וועט זײַן אויפן איינציקן אָרט וואָס זיי האָבן פאַרדינט — אויף דער תליה.

* * *

די פּראָגרעסיווע מענטשן און דער גאַנצער וועלט בייגן זייערע קעפּ פאַרן הייליקן אָנדענק פון די קעמפערס און מאַרטירערס פון וואַרשעווער געטאָ. אָבער עס זענען פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס פאַרשוועכן דעם זכרון פון די קדושים דורך געבן אַ הכשר פון דעמאָקראַטישקייט די מערדערס פון יִידישן און אַנדערע פעלקער, די נעאָנאַצים פון באָן. עס זענען פאַראַן אַזעלכע — און צווישן זיי די יִדישע רעאַקציע פון אַמעריקע און ישראל — וואָס הייבן אויף זייערע פאַררעטערישע הענט אויפן לעבן פון די סאָוועטישע פעלקער וועלכע זענען געווען די איינציקע וואָס האָבן בעת דער שטאָקפינצטערער נאַכט געשיקט זייערע פליִער־סאָקאָלן צו נעמען נקמה פאַרן פעלקערמאָרד אין געטאָ; די דאָזיקע יורשים פון יודענראַט פאַרשוועכן דעם אָנדענק פון די געטאָקעמפערס. דער געטאָ־אויפשטאַנד איז געווען אַ קאַמף נישט בלויז קעגן היטלעריסטישן רוצח און קעגן דער פוילישער אַנטיסעמיטישער רעאַקציע, נאָר אויך קעגן דעם יִדישן פאַרראַט, קעגן דעם יודענראַט און די נאָסיגס און די פירשטס. אין דעם באַשטייט די היסטאָרישע לערע פון דעם אַקט פון 19טן אַפּריל פאַר די הײַנטיקע און קומענדיקע דורות.

וואַרשע, אָקטאָבער 1951—1952



ט. בורסטין — בערנשטיין (וואַרשע)

# גירושים און פאַרניכטונגען פון יידישע יישובים אין וואַרשעווער דיסטריקט

אויף די שטחים פון וואַרשעווער דיסטריקט וואָס איז געווען אַן אַדמיניסטראַטיווער ראַיאָן, געשאַפן דורכן היטלעריסטישן אָקופּאַנט — האָבן געוווינט ערב דער לעצטער מלחמה אַן ערך 600.000 ייִדן. בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע איז טראָץ דעם מענטשן־פאַרלוסט וואָס עס האָבן גורם געווען די מלחמה־אָקופּאַציעס אין סעפּטעמבער 1939, און טראָץ דעם וואָס אַ געוויסער טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג האָט זיך איבערגעטראָגן אויף די געביטן וועלכע זענען באַפרײַט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי, געוואַקסן די צאָל ייִדן אין וואַרשעווער דיסטריקט. דער פאַרלוסט איז אויסגעגלײַכט געוואָרן און אפילו איבערגעשטיגן געוואָרן דורכן נײַעם צופלוס פון ייִדן פון די מערבדיקע און צפונדיקע פּוילישע געביטן, וואָס זענען אײַנגעגלידערט געוואָרן אין רײַך. העכער 600.000 ייִדן האָבן באַוווינט דעם דיסטריקט אין דער ערשטער העלפט 1940, דערפון האָבן זיך קרוב 400.000 געפונען אין וואַרשע גופא.

אַדמיניסטראַטיוו האָט דער וואַרשעווער דיסטריקט אַרומגענומען נאָר אַ טייל פון דער הײַנטיקער וואַרשעווער וואָיעוואָדשאַפט. די פּאָוויאַטן וואָס זענען געלעגן אויף צפון פון וואַרשע האָט די אָקופּאַציע־מאַכט פאַראייניקט צום רײַך, מערסטן טייל צו אָסט־פּרײַסן; דעם גאָסטינינער פּאָוויאַט — צום וואַרטעגאַו. צען צפונדיקע פּאָוויאַטן פון וואַרשעווער וואָיעוואָדשאַפט (די פּאָוויאַטן: טשכאַנאָוו, מאַקאָוו, מלאַווע, אָסטראָלענקע, פּלאָצק, פּלאָנסק, פּשאַסניש, פּולטוסק אָן דעם שטעטל ווישקאָוו, שערפּץ) און דער צפון־טייל פון וואַרשעווער פּאָוויאַט (נאָווידוואָר, זאַקראָטשים) האָבן געשאַפן אַ באַזונדערן אַדמיניסטראַטיוון ראַיאָן — דעם קרײַז „ציכאַנאַו״ (טשעכאַנאָוו), וואָס האָט געהערט צו מיזרח־פּרײַסן. דער פּאָוויאַט דשיאַלדאָווא איז צעטיילט געוואָרן אויף צוויי טיילן, פון וועלכע איינער האָט געהערט צום קרײַז אָלענשטיין אין מיזרח־פּרײַסן, דער צווייטער צום רײַכסגאַו דאַנציג, אויך מיזרח־פּרײַסן.

צום וואַרשעווער דיסטריקט האָבן אַזוי אַרום געהערט די ווײַטערדיקע פּאָוויאַטן פון דער הײַנטיקער וואַרשעווער וואָיעוואָדשאַפט: בלוינע, גאַרוואָלין, גריצע, מינסק, אָסטראָוו, ראַדזין, סאָכאַטשעוו, סאָקאָלאָוו, וואַרשע, ווענגראָוו; אחוץ דעם דער פּאָוויאַט שעדלעץ פון לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, אַ קליינער טייל פון פּאָוויאַט לוקאָוו מיט דער שטאָט סטאָטשעק לוקאָווסקי, און די פּאָוויאַטן לוּוויטש און סקיערניעוויץ פון דער הײַנטיקער לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט.

פון די אויסגערעכנטע דרײַצן פּאָוויאַטן האָט דער אָקופּאַנט געשאַפן 10 קרײַז־הויפּטמאַנשאַפטן (קרײַזן). אויף מערב פון דער ווײַסל האָבן זיך געפונען 4 קרײַזן: גריצער, לוּוויטשער, סקיערניעוויצער און סאָכאַטשעוו־בלוינער.

פון דעם אַ ביסל אַרומגעשניטענעם וואַרשעווער פּאָוויאַט, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף ביידע זײַטן ווײַסל, צוזאַמען מיטן ראַדזימינער פּאָוויאַט האָט מען געשאַפן דעם קרײַז וואַרשע־לאַנד. די איבעריקע מיזרחדיקע קרײַזן זענען געווען דער גאַרוואָלינער, מינסקער, אָסטראָווער, שעדלעצער און סאָקאָלאָוו־ווענגראָווער.

די אויבן דערמאָנטע שטאָט סטאָטשעק־לוקאָווסק איז פאַראייניקט געוואָרן מיטן קרײַז גאַרוואָלין און די שטאָט ווישקאָוו מיטן קרײַז אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק.

פון אָסטראָווער קרײַז ,וואָס ליגט בײַם בוג, האָבן די היטלעריסטן אַרויסגעטריבן די ייִדן גלײַך אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע. די מערהייט פון דער דאָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג איז אַוועק אין ראַטן־פאַרבאַנד. פון ווישקאָוו האָט מען אַרויסגעטריבן די ייִדן שוין אין סעפּטעמבער 1939, נאָכן נאַצישן אַרײַנדרינגען אין שטאָט. די ווישקאָווער שול איז אונטערגעצונדן געוואָרן ,די זקנים אויסגעשאָסן. אויך די ייִדן פון בראָק האָט מען אַרויסגעטריבן אין סעפּטעמבער 1939.

אין אָסטראָוו גופא זענען געבליבן אַן ערך 500 ייִדן, צווישן זיי אַ סך זקנים און קראַנקע. תחילת נאָוועמבער, ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ שׂרפה אין אָסטראָוו ,האָט מען אויסגעשאָסן אַלע ייִדן, מיטן אויסרייד, אַז זיי האָבן אונטערגעצונדן די שטאָט.

די ייִדישע באַפעלקערונג פון די פּוילישע געביטן, וואָס זענען פאַראייניקט געוואָרן צום רײַך ,איז אין אַ גרויסער צאָל געפלאָסן אין וואַרשעווער דיסטריקט אַרײַן אין משך פון די לעצטע חדשים 1939 און אין די ערשטע חדשים 1940. זיי זענען איבערגעזידלט געוואָרן מאַסנווײַז אין דער גענעראַל־גובערניע אין צוזאַמענהאַנג מיט הימלערס פאַראָרדענונג פון 30טן אָקטאָבער 1939 וועגן באַזײַטיקן אַלע ייִדן פון די געביטן וואָס זענען פאַראייניקט געוואָרן צום רײַך. די צאָל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין באַזונדערע קיבוצים פון וואַרשעווער דיסטריקט האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן אָבער די חרובע און אויסגעברענטע שטעטלעך, וואָס האָבן געליטן

צוליב די מלחמה־אָפּעראַציעס, האָבן פאַרמאָגט ווייניקער ייִדן ווי פאַר דער מלחמה. די נשרפים, וועלכע האָבן געפונען אַ געוויסע צײַט אַ מקום־מקלט אין די שכנותדיקע ייִשובים אָדער דערפער האָבן זיך נאָך אַ געוויסער צײַט צוריקגעקערט אין אייגענע חורבות.

אָנהייבנדיק פון יאָר 1940 טרעט צו די היטלעריסטישע מאַכט צו קאָנצענטרירן די ייִדן אין געטאָס אין די מערבדיקע טײלן פון וואַרשעווער דיסטריקט. אין די מיזרח־טײלן פון דיסטריקט קומט פאָר דער פּראָצעס כמעט מיט אָנדערטהאַלבן יאָר שפּעטער — אין האַרבסט 1941. סוף 1940 זענען געשאַפן געוואָרן אין וואַרשעווער קרײַז עטלעכע געטאָס אויף די אומבאַוווינטע געביטן אָדער אין די דאַטשעערטער און עס זענען דאָרט קאָנצענטרירט געוואָרן די ייִדן פון עטלעכע קהילות. אַזעלכע געטאָס זענען געשאַפן געוואָרן אויף מערב פון דער ווײַסל אין פּאָרט סאָליפּסע, לעבן וולאָכי, אין דער נישט־טעטיקער ציגעלניע העגריקאָור־אָשינסקי, אין לודווישין, לעבן לעגיאָנאָווע, און אין סאָסנאָווקע, לעבן וואָלאָמין.

די ייִדישע באַפעלקערונג וואָס האָט באַוווינט די מערבדיקע טײלן פון וואַרשעווער דיסטריקט איז אין די ערשטע חדשים פון 1941 געוואָרן איבערגעזידלט קיין וואַרשע. אויף די געביטן, וואָס זענען געלעגן אויף מערב פון דער ווײַסל אין וואַרשעווער דיסטריקט, האָט מען געזאָלט אַריבערפירן די אַרויסגעטריבענע פּאָליאַקן פון די פּוילישע געביטן וואָס זענען פאַראייניקט געוואָרן צום רײַך. פון די מערבדיקע קרײַזן פון וואַרשעווער דיסטריקט: סאָכאַטשעוו־בלוינע, גריצע, סקערניעוויץ, לוויוויטש און אַ טייל וואַרשעווער קרײַז האָבן די ייִדן געמוזט אַוועק אין משך פון דער צײַט צווישן סוף יאַנואַר און אָנהייב אַפּריל 1941. די פאַראָרדענונג איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר 72 טויזנט ייִדן, וועלכע די היטלעריסטישע מאַכט האָט אַרײַנגעשטופּט אין די ענגע מויערן פון איבערגעפּולטן וואַרשעווער געטאָ. אַ קליינער טייל פון די ייִדן האָט זיך איבערגעטראָגן אין דעם שכנותדיקן ראַדאָמער דיסטריקט אָדער אין אַנדערע ערטער פון וואַרשעווער דיסטריקט. אָבער אַ סך פון די פּליטים זענען דערנאָך אויך צוריקגעשיקט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ אַרײַן.

אין וואַרשעווער געטאָ האָט די גרעסטע מערהייט פון די איבערגעזידלטע נישט געפונען קיין באַדינגונגען אויפצוהאַלטן כאָטשבי די קלאָגנדיקסטע עקסיסטענץ. דער הונגער און די עפּידעמישע קראַנקהייטן האָבן כסדר אומגעבראַנגט די אײַנוווינערס פון די פּליטים־פּונקטן.

שאַפנדיק דאָס וואַרשעווער געטאָ, איזאָלירנדיק עס מיט מויערן פון דער אויסערלעכער וועלט, פּלאַנירנדיק אומגלייבלעך קליינע פּראָדוקטן־פּרײַזעס, האָט דער היטלעריסטישער אָקופּאַנט פאַרורטיילט די געטאָ־אײַנוווינערס אויף הונגער און עפּידעמיעס, אויף אַן אומדערהערטער שטערבלעכקייט, וועלכע איז אַפילו דערגאַנגען ביז העכער 5 טויזנט טויטפאַלן אַ חודש.

פרילינג 1941 האָבן אומלעגאַל פאַרלאָזן דאָס וואַרשעווער געטאָ איינצלנע פּערזאָנען און אָפט אויך גאַנצע פאַמיליעס, וואָס האָבן שרעקלעך געליטן פון הונגער. זיי האָבן זיך געלאָזט צו פוס פון וואַרשע אין דער פּראָווינץ אַרײַן, אין דער ריכטונג אויף מיזרח און אויף דרום, מערטן טייל צום לובלינער קאַנט. די יודענראַטן פון די באַזונדערע שטעט סיגנאַליזירן וועגן די פאַקטן צו דער ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף, ווײַל זיי מוזן זיך מיט די דורכוואַנדערערס אינטערעסירן, געבן זיי עסן און נאַכטלעגערס למשל פון אַזאַ ייִשוב ווי צעגלאָוו, מינסק־מאַזאָוויעצקער קרײַז, אַ קהילה וואָס האָט געציילט הונדערט און עטלעכע צענדליק ייִדן, שרײַבט מען דעם 14טן מײַ 1941: „מיר זענען געצוווּנגען אונדזער אָרעמקייט לאָזן אויפן צווייטן פּלאַן, ווײַל די לאַגע פון די דורכוואַנדערערס, זייער אויסערלעכער אויסזען און דערשעפּטקייט, זענען נישט צו באַשרײַבן. מיר מוזן אַזעלכע פאַרהאַלטן בײַ אונדז מינדסטנס 24 שעה. עס טרעפן אויך פאַקטן, וואָס די דורכוואַנדערערס ווערן קראַנק און ליגן בײַ אונדז אָפּ גאַנצע וואָכן". די דעלעגאַטור פון דער ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף (זשס"ס) אין זשעלעכאָוו קלאָגט זיך דעם 14טן מײַ 1941, אַז זי איז אויסגעשטעלט אויף אויסגאַבעס פאַר די גרויסע מאַסן דורכוואַנדערערס פון וואַרשע, פאַר וועלכע זשעלעכאָוו איז אַן עטאַפּ אין זייער ווײַטערדיקן וועג. פון שעדלעץ אַלאַרמירט מען דעם 17טן יוני 1941, אַז לעצטנס גייען דאָרטן אַדורך נישט ווייניקער ווי 100 מענטשן אַ טאָג. די דורכוואַנדערערס האָבן פאַרשלעפּט קיין שעדלעץ דעם טיפוס. אַ סך פון די מענטשן זענען געווען געצוווּנגען נאָך עטלעכע וואָכן צוריקצוקערן זיך קיין וואַרשע אין אַ צושטאַנד פון פולשטענדיקער פיזישער און פסיכישער צעבראָכנקייט.

אויף מיזרחדיקן טייל פון וואַרשעווער דיסטריקט האָט מען אָנגעהויבן האַרבסטצײַט 1941 איבערצוזידלען די ייִדן פון די דערפער אין שטאָט אַרײַן, שטרעבנדיק צו רעדוצירן די צאָל ייִדישע קיבוצים. אין יעדן פון די מיזרחדיקע קרײַזן פון וואַרשעווער דיסטריקט האָט מען איבערגעלאָזט פון 5 ביז 7 קיבוצים. די אָפּראָוויזאַציע־לאַגע אין די קיבוצים איז געווען זייער אַ שווערע, אַ סך שווערער ווי אין שכנישן לובלינער דיסטריקט, ווו דער אָקופּאַנט האָט אָנגעווענדט אַן אַנדער מעטאָד — נישט רעדוצירן די צאָל ייִדישע קיבוצים, נאָר דעקאָנצענטרירן. פון דעם גובערנאַטאָרס רעזידענץ אין לובלין האָט מען אין פרילינג 1941 אַרויסגעשיקט די ייִדן אין פאַרשידענע שטעטלעך און ייִשובים פון לובלינער געגנט האָבן ייִדן נאָך געוווינט אין האַרבסט 1942; דירעקט ערב דער „אויסזידלונג" אין די טויטלאַגערן האָט מען זיי קאָנצענטרירט אין די שטעט, כדי קענען זיי אָן שוועריקייטן אַרויסשיקן.

אין לובלינער דיסטריקט אַרײַן זענען געלאָפן די ייִדן פון די נאָענטע ערטער פון וואַרשעווער דיסטריקט איינצלווײַז און אויך גרופּעסווײַז. אָט די פאַקטן האָבן געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער זשאַנדאַרמעריע אין לוקאָוו, וואָס האָט אין נאָוועמבער 1941 געמאָלדן דעם קרײַז־הויפּטמאַן פון ראַדזין, אַז זי האָט אַרעסטירט 39 ייִדן וועלכע זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אומלעגאַל מיט אַ לאַסט־אויטאָמאָביל פון סאָקאָלאָוו קיין לוקאָוו. זי בעט דעריבער דעם קרײַז־הויפּטמאַן אָנצונעמען שריט כדי נישט צו דערלאָזן אין דער צוקונפט, אַז די ייִדן זאָלן אַנטלויפן פון שכנותדיקן דיסטריקט. אָפּגעריסענע, שמוציקע און אָפט קראַנקע האָבן די ייִדן פאַרשאַפט דער זשאַנדאַרמעריע גרויסע דאגות, און איבערשיקן זיי צוריק אַהיים האָט געשטערט דער מאַנגל אין טראַנספּאָרט־מיטלען. אויפן אַמטלעכן וועג האָט זיך וועגן די פאַקטן דערוווּסט ד"ר אויערסוואַלד, דער קאָמיסאַר איבערן ייִדישן קוואַרטאַל אין וואַרשע, ווײַל צו זײַן קאָמפּעטענץ האָט געהערט דאָס „דערלייִדיקן" אַלע ייִדישע פראַגעס אויפן געביט פון וואַרשעווער דיסטריקט. אויערסוואַלד האָט טאַקע אין יענער צײַט אַרויסגעגעבן אַ גזרה וועגן אָנווענדן טויטשטראָף פאַר פאַרלאָזן דאָס וואַרשעווער געטאָ און אַזאַ אורטייל איז טאַקע אין מיטן נאָוועמבער אויסגעפירט געוואָרן איבער 8 וואַרשעווער ייִדן.

סוף 1941 האָט דער היטלעריסטישער אָקופּאַנט שוין געמאַכט דירעקטע צוגרייטונגען אויף אַדורכצופירן די פולשטענדיקע פיזישע פאַרניכטונג פון די ייִדן אין דער גענעראַל־גובערניע. פרילינג

1942 איז אַרײַנגעפּאַקט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ די ייִדישע באַפעלקערונג פון עטלעכע הינטערוואַרשעווער שטעטלעך (אָקוניעוו, צעכאָווקאַ, מאַרקי, וואַווער, טלושטש). עס איז אַהער אויך אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט ייִדן פון רײַך, אַן ערך 4.000 מענטשן.

די דײַטשע ייִדן האָט מען אײַנגעאָרדנט אין דער אַמאָליקער געבײַדע פון דער יודאַיִסטישער ביבליאָטעק, וואָס איז צו יענער צײַט געווען אויסגעטיילט פון געטאָ.

אין מײַ 1942 האָט מען אַריבערגעפירט אַלע ציגײַנערס אין וואַרשעווער געטאָ אַרײַן. אין יולי זענען אָנגעקומען 760 מענטשן פון ביאַלע־ראַווסקע און נאָווע־מיאַסטאָ. די איבערזידלונגען האָבן אָן צווייפל געהאַט אַ שײַכות מיט די צוגרײַטונגען צו דער „אויסזידלונג־אַקציע" פון ייִדן אין וואַרשעווער דיסטריקט. די „אויסזידלונגס־אַקציע" אין גאַנץ פּוילן זענען פאָרגעקומען לויט אַ ריי — איין דיסטריקט נאָכן צווייטן. אין יולי איז געקומען די ריי אויפן וואַרשעווער דיסטריקט. אין יעדן דיסטריקט האָט מען אָנגעהויבן די אַקציע פון דער הויפּטשטאָט, דאָרט וווּ עס האָט געוווינט דער גובערנאַטאָר.

די „אויסזידלונג־אַקציע" אין וואַרשעווער דיסטריקט האָט זיך אָנגעהויבן דעם 22טן יולי 1942 און האָט געדויערט איבער 2 חדשים, ביזן 6טן אָקטאָבער 1942. געוויינלעך פלעגט אין משך פון איין טאָג אַרויסגעפירט ווערן די ייִדישע באַפעלקערונג פון די קלענערע אָדער גרעסערע ישובים. אין די ווײַטערדיקע טעג פלעגט מען אַדורכזוכן אַלע ווינקעלעך און די דאָרט געפונענע מענטשן דערשיסן אויפן אָרט, אָדער זיי אַרויספירן גרופּעסווײַז אויפן בית־עולם אָדער הינטער דער שטאָט, כדי אויסצופירן די עקזעקוציע.

אין וואַרשע, אין אַ ישוב וואָס האָט געציילט אין יולי 1942 אַן ערך 370 טויזנט ייִדן, האָט די „אויסזידלונג־אַקציע" געדויערט 2 חדשים (פון 22טן יולי ביזן 21טן סעפּטעמבער). די אָנפירערס פון „איינזאַץ ריינהאַרד" האָבן גענוי פאָנאַנדערגעאַרבעט די „אַקציע" ביז צום קלענסטן דעטאַל, זיי האָבן אויך געלאָזט אין גאַנג זיכערע מיטלען פון פּסיכישער ווירקונג, זיי האָבן אָנגעווענדט טעראָר, פאָנאַנדערגעשפּרייט פאַלשע קלאַנגען, געגעבן ליגנערישע הבטחות און פאַרזיכערונגען, אַרײַנגעפירט וואָס אַ גרעסערע צעמישונג און דעזאָריענטאַציע, בכדי גרינגער צו קענען די מאַסע פון עטלעכע הונדערט טויזנט אַרײַנטרײַבן אין די וואַגאָנען און זיי אַרויספירן קיין טרעבלינקע. דער פאַרשטאַרקטער טעראָר האָט זיך אָנגעהויבן אין וואַרשע אין דער נאַכט פון 17טן אויפן 18טן אַפּריל 1942. די נאַכט האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון די וווינונגען און גלײַך דערהרגעט אויף דער גאַס 52 מענטשן. פון דעמאָלט אָן זענען יעדע נאַכט געווען קרבנות. אין יוני 1942 האָט מען דערמאָרדעט אין פּאַוויאַק 110 ייִדן פאַר כלומרשט אַנטקעגנשטעלן זיך דער דײַטשער מאַכט. איינעם טאָג פאַרן אָנהייבן די „אויסזידלונג־אַקציע" אין וואַרשע, דעם 21טן יולי, האָט מען אײַנגעזעצט אין פּאַוויאַק אַן ערך 60 ערבות־לײַט. דעם זעלבן טאָג האָט מען אַ ריי מענטשן דערשאָסן אויף דער גאַס און אין די וווינונגען.

דעם 22טן יולי אין דער פרי איז אין דער געבײַדע פון יודענראַט געקומען דער דעלעגירטער פון „איינזאַץ ריינהאַרד", דער באַפולמעכטיקטער וועגן די אויסזידלונגס־ענינים אין וואַרשע, העפּלע, אין דער באַגלייטונג פון 7 פאַרשוין. די מויערן פון געטאָ זענען געדיכט געוואָרן אַרומגעשטעלט מיט פּאָליציי־פּאָסטנס; פאַר דער געבײַדע פון יודענראַט זענען צוגעפאָרן לאַסט־אויטאָמאָבילן, אָנגעפילט מיט געווער. אויף דער זיצונג פון דעקאָמפּלעטירטן יודענראַט (אַ טייל פון די יודענראַטלערס זענען געזעסן אין אַרעסט) האָט העפּלע דיקטירט די ריכטליניעס און באַפעלן פאַרן יודענראַט. אין די ריכטליניעס זענען אויסגערעכנט געווען די קאַטעגאָריעס מענטשן וואָס זענען באַפרײַט פון דער „אויסזידלונג". אין די באַפעלן איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף די אַקטועלע פליכטן פון יודענראַט. לויט העפּלעס דיקטאַט זענען פון דער „אויסזידלונג" באַפרײַט געווען אַלע מענטשן וואָס זענען געווען באַשעפטיקט בײַ דער אָקופּאַציע־מאַכט, אין די מיליטערישע אונטערנעמונגען, אין די דײַטשע פירמעס, אַלע מיטגלידער און אָנגעשטעלטע פון יודענראַט און אויך אַלע אַרבעטס־פעיִקע וואָס זענען ביז איצט נישט געווען באַשעפטיקט. די „אויסזידלונג" איז אויך נישט חל געווען אויף דער אָרדנונגסדינסט, אויפן פּערסאָנאַל פון די ייִדישע שפּיטעלער און קראַנקע אין די שפּיטעלער, אויפן פּערסאָנאַל פון די דעזינפעקציע־בריגאַדעס און אויך אויף די משפּחה־מיטגלידער פון די אַלע אויסגערעכנטע אַרבעטערס.

מען האָט געהייסן דעם יודענראַט אויסליידיקן דעם שפּיטאָל בײַם אומשלאַגפּלאַץ, צושטעלן אַהין יעדן טאָג 6.000 מענטשן, זאָרגן דערפאַר אַז די אַרבעט אין די אונטערנעמונגען זאָל ווערן קאָנטראָלירט, פאַרזיכערן די באַשפּײַזונג פון דער באַפעלקערונג, און יעדן טאָג באַגראָבן די טויטע. די „אויסגעזידלטע" האָט מען דערלויבט מיטצונעמען מיט זיך 15 קילאָגראַם באַגאַזש און ווערטזאַכן. פאַר יעדן נישט־אונטערוואַרפן זיך דער מאַכט מצד דער באַפעלקערונג האָט מען געדראָעט מיט דערשיסן. מען האָט אויך געוואָרנט, אַז אין פאַל ווען דער יודענראַט וועט נישט אויספירן אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט די דיקטירטע באַפעלן און די ריכטליניעס, וועט יעדעס מאָל דערשאָסן ווערן אַ געהעריקע צאָל ערבות־לײַט.

אין רעזולטאַט פון געוויסע פראַגעס און פאָרשלאָגן מצד דעם יודענראַט האָט העפּלע צוגעגעבן דערגאַנצונגס־באַמערקונגען צום פּראָטאָקאָל. ער האָט, נעמלעך, באַשטימט גלײַך אויפן אָרט יאַקוב לייקינען, דעם העכערן אָפיציר פון דער אָרדנונגסדינסט, פאַרן ליטער פון דער אָרדנונגסדינסט און פאַרברייטערט דעם קרײַז מענטשן וואָס אונטערליגן נישט דער „אויסזידלונג". כדי מען זאָל די אָנגעשטעלטע פון אַ ריי ביז איצט זעלבסטשטענדיקע אינסטיטוציעס פאַררעכענען צו דער קאַטעגאָריע מענטשן וואָס ווערן באַפרײַט פון דער „אויסזידלונג", האָט מען די אינסטיטוציעס אונטערגעאָרדנט דעם יודענראַט. צווישן די אונטערגעוואָרפענע אינסטיטוציעס זענען געוואָרן אויסגערעכנט: דער פאַרזאָרגונגס־אַמט, די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע אַליינהילף, די ליפערונגס־געזעלשאַפט, דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק, די געזונטהייטס־קאַמער, דער האַנטווערקער־פאַראיין, די אונטערנעמונג פון אַרויספירן מיסט „סט. היימאַן און שותּפים". אויך די אָנגעשטעלטע וואָס זענען געווען באַשעפטיקט דורך דער קאָמיסאַרישער הײַזער־פאַרוואַלטונג האָט מען אויפן געביט פון דעם קוואַרטאַל געדאַרפט באַהאַנדלען צו גלײַך מיט די אָנגעשטעלטע פון יודענראַט. דעם זעלביקן טאָג איז דער פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג, וואָס איז דיקטירט געוואָרן דורך העפּלען, געוואָרן כמעט אין גאַנצן אָפּגעדרוקט אין דער פאָרעם פון אַ באַקאַנטמאַכונג, וועלכע איז אונטערגעשריבן געוואָרן דורכן יודענראַט און פאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרן איבערן געטאָ.

דעם 22טן יולי איז שוין אַרויסגעפאָרן דער ערשטער טראַנספּאָרט פון וואַרשע צום טויטלאַגער טרעבלינקע, פירנדיק 6.250 מענטשן. דער טראַנספּאָרט איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון די אַרעסטאַנטן וואָס זענען אָפּגעזעסן שטראָפן אין צענטראַל־אַרעסט

אויף דער אַזוי גערופענער גענשאָווקע, פון די איינוווינערס פון אַ ריי פּליטים־הײַזער און פון אַ טייל דײַטשע און טשעכישע ייִדן, וועלכע האָבן געוווינט אויסערן געטאָ.

היות לויט דער באַקאַנטמאַכונג זענען געוויסע קאַטעגאָריעס באַשעפטיקטע און זייערע משפחות געווען באַפרײַט פון דער „אויסזידלונג", האָט זיך די באַפעלקערונג פון געטאָ פיבערהאַפט אַ וואָרף געטאָן צו זוכן אַרבעט אין די שאָפּן.

דערווײַל איז טאָג בײַ טאָג געפירט געוואָרן די „אויסזידלונג־אַקציע". דעם 23טן יולי זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע 7.300 מענטשן. דעם זעלביקן טאָג נאָך מיטאָג האָט מען אַרויסגערופן דעם פּרעזעס פון יודענראַט, טשערניאַקאָוו, אין „אויסזידלונגסאַמט", וווּ מען האָט אים געגעבן אָנווײַזונגען. מען האָט געפאָדערט פון אים צוצושטעלן 7.000 מענטשן אויפן 24טן יולי און 10.000 אויפן 25טן יולי. נאָכן אומקערן זיך אַהיים איז טשערניאַקאָוו באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אײַננעמענדיק סם.

כדי צו באַרויִקן די עפנטלעכע מיינונג און צו נישט צו מאַכן אַלע באַאומרויִקנדיקע ידיעות, וואָס האָבן אַרומגעקרײַזט אין געטאָ, זענען דעם 24טן יולי געקומען אין דער געבײַדע פון יודענראַט ס"ס־אָפיצירן מיט אַ פאַרזיכערונג, אַז די אויסזידלונג קומט ווירקלעך פאָר אויף די מיזרח־געביטן און קיינעם וועט קיין עוולה נישט געשען. דעם זעלבן טאָג האָט דער יודענראַט פונאַנדערגעקלעפּט אַזאַ באַקאַנטמאַכונג מיט אַ באַרויִקנדיקן אינהאַלט.

דעם 24טן יולי ווערן איבערגעשיקט קיין טרעבלינקע 7.400 מענטשן, דעם 25טן יולי — 7.350, דעם 26טן און 27טן איז נאָך די צאָל פון די אַרויסגעשיקטע 6 טויזנט, דעם 28טן יולי פאַלט די צאָל ביז 5 טויזנט.

פון דעם 29טן יולי אָן גייט איבער די בלאָקאַדע, מיט וועלכער עס האָט ביז איצט זיך פאַרנומען נאָר די ייִדישע אָרדנונגסדינסט, אונטער דער אָנפירונג פון ס"ס. בעת דער בלאָקאַדע פון די הײַזער אָדער גאַסן האָט מען אַלע איינוווינערס אויסגעשטעלט אין רייען, דערנאָך אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע, באַפרײַענדיק אין דער ערשטער צײַט אַלע וואָס האָבן זיך לעגיטימירט מיט אַן אויסווײַז, ווײַל אין דער ערשטער צײַט איז געווען אַ גענויע אינסטרוקציע פון „אויסזידלונגסאַמט" צו רעספּעקטירן אַלע לעגיטימאַציעס. די גינסטיקע קאָניונקטור פון דער נאָכפראַגע אויף אויסווײַזן האָבן אויסגענוצט פאַרשידענע קאָמבינאַטאָרן, וואָס האָבן פאַרקויפט פאַר גראָבע געלטער אויסווײַזן פון כלומרשט נײַ־אָרגאַניזירטע שאָפּן, וואָס זענען נאָך דעם קיין מאָל נישט געשאַפן געוואָרן.

דאָס וואַרשעווער געטאָ איז אין די טעג פון דער „אַקציע" אַזוי אָפּגעצוימט געוואָרן פון דער „אַרישער" זײַט, אַז עס האָט קיין רייד נישט געקאָנט זײַן וועגן אַ וועלכן נישט איז אויסטוישהאַנדל. די פּרײַזן פון שפּײַז־אַרטיקלען זענען געשטיגן און מען האָט נישט געקאָנט פאַרקויפן נישט קיין קליידער און נישט קיין ווערטזאַכן. דער הונגער האָט זיך געלאָזט פילן אומעטום. דעם דאַזיקן מאָמענט האָט דער „אויסזידלונגס־אַמט" באַוויזן ווי געהעריק אויסצונוצן. ער האָט פאַרוואָרפן אויף זײַן קרבן אַ נײַע נעץ. דעם 29טן יולי 1942 האָט זיך באַוויזן אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג, אונטערגעשריבן דורכן לייטער פון דער אָרדנונגסדינסט, וואָס האָט צוגעזאָגט יעדן וואָס דאַרף אַרויסגעשיקט ווערן און וועט זיך מעלדן פרײַוויליק אין די טעג פון 29, 30 און 31טן יולי צו דער „אויסזידלונג", 3 קילאָ ברויט און אַ קילאָ מאַרמעלאַד.

אין דער נעץ האָבן זיך לכתחילה געלאָזט כאַפּן הונדערטער הונגער־לײַדנדיקע, דערנאָך זענען שוין טויזנטער אַוועק אויפן זאַמלפּונקט לעבן דעם אומשלאַגפּלאַץ. דער טערמין פאַרן פרײַוויליקן מעלדן זיך איז פאַרלענגערט געוואָרן אויף נאָך 3 טעג.

עס ווערן דעמאָלט ליקווידירט די האַנטווערקער־וואַרשטאַטן און אויך געוויסע שאָפּן. די דאָרט באַשעפטיקטע ווערן אַרויסגעשיקט. עס ווערן אומגילטיק די לעגיטימאַציעס פון „אויסזידלונגס"־קאָמיטעט און פון געוויסע אָפּטיילונגען פון יודענראַט.

אין משך פון די ערשטע 9 טעג פון דער „אַקציע" זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן ייִדישן בית־עולם זקנים, קאַליקעס און קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך „נישט אײַנגעגעבן" פאַרן טראַנספּאָרט. לויט דײַטשע קוועלעס זענען אויף אַזאַ אופן אומגעבראַכט געוואָרן 385 פּערזאָן. דאָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו שאַפן די איבערצײַגונג בײַ ייִדן, אַז די נישט־פעיִקע צו פיזישער אַרבעט דערהרגעט מען ווי אַן איבעריקן באַלאַסט, בעת אַלע אַנדערע ווערן באמת איבערגעשיקט אויף מיזרח. אין צווייטן פּעריאָד פון דער „אויסזידלונגס־אַקציע", ד"ה אָנהייבנדיק פון 29טן יולי, נעמען די מיטגלידער פון „אײַנזאַץ־רײַנהאַרד" אָנטייל אין די בלאָקאַדעס. בעת די בלאָקאַדעס זענען אַלע געכאַפּטע אָוועקגעשיקט געוואָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ. די געוויזענע דאָקומענטן האָבן שוין נישט קיין באַדײַטונג, עס ווערן אויפן אָרט צעריסן אַלע צײַגענישן; קראַנקע און אויסבאַהאַלטענע דערהרגעט מען גלײַך אויפן אָרט. אויף דער באַפעלקערונג פאַלן נײַע קלעפּ — די גרענעצן פון געטאָ ווערן פאַרשמעלערט.

אין משך פון 8 טעג, צווישן 9טן און 16 אויגוסט, באַווײַזן זיך אַזש 4 מעלדונגען וועגן ענדערן די גרענעץ פון געטאָ. דאָס קליינע געטאָ ווערט ליקווידירט, אַ סך הײַזער דאַרפן ווערן באַפרײַט פאַר די אַרבעטערס פון די באַזונדערע שאָפּן. די פאַראָרדענונג פון 16טן אויגוסט 1942 ווײַזט אָן, אַז אַלע נישט־אַרבעטנדיקע און אויך די משפחה־מיטגלידער פון די באַשעפטיקטע מענטשן דאַרפן זיך צושטעלן אויפן אומשלאַגפּלאַץ.

בעתן אָפּרייניקן די וווינונגסבלאָקן וואָס ווערן צוגעטיילט צו די שאָפּן ווערן געכאַפּט נײַע מענטשן אויף „אויסזידלונג", עס פאַלן צענדליקער דערהרגעטע אויפן אָרט. די שאָפּן ווערן אַרומגערינגלט מיט פּאַרקאַנעס אָדער מיט פאַרצוימונגען פון שטעכיקן דראָט. די וווינונגסבלאָקן פאַר די שאָפּן ווערן אויך אָפּט בלאָקירט און די מענטשן ווערן אַרויסגעשיקט קיין טרעבלינקע. אין דער ערשטער העלפט אויגוסט איז דער גאַנג פון דער אַקציע זייער אַ שטאַרקער; דעם 6טן און 7טן אויגוסט צ"ב, ווערן געפירט קיין טרעבלינקע העכער 10 טויזנט מענטשן טעגלעך.

אין משך פון דער צווייטער העלפט אויגוסט, צווישן 19טן און 24טן, איז פאָרגעקומען אַן איבעררײַס אין דער „אויסזידלונגס־אַקציע". די „פאַרניכטונגס־קאָמאַנדע" האָט פאַרלאָזט וואַרשע, זי איז אַוועק אויף דער פּראָווינץ צו דער זעלבער אַרבעט. אין דער צײַט קומען אָן אין פאַרניכטונגס־לאַגער אין טרעבלינקע יעדן טאָג צוגן מיט דער ייִדישער באַפעלקערונג פון אָטוואָצק, פאַלעניץ, רעמבערטאָוו, מינסק־מאַזאָוויעצק, שעדלעץ, מאַרדי און לאָשיץ.

דעם 19טן אויגוסט איז געוואָרן אַרומגערינגלט דאָס געטאָ אין אָטוואָצק, און 7000 ייִדן האָט מען פאַרלאָדנט אין די וואַגאָנען. אין משך פון די ווײַטערדיקע עטלעכע טעג זענען אין אָטוואָצק אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון זייערע באַהעלטענישן און דערשאָסן 3.000 מענטשן. די עקזעקוציעס דויערן דערנאָך נאָך עטלעכע וואָכן.

מען האָט איבערגעלאָזט אין אָטוואָצק נאָר די מיטגלידער פון יודענראַט און די ייִדישע אָרדנונגסדינסט, וועלכע מען האָט אויך אין אַ שטיקל צײַט אַרום אַרויסגעשיקט אין פאַרשידענע נאָענטע לאַגערן ווילאַנאָוו, פּיעקעלקאָ. דעם 20טן אויגוסט האָט מען אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון פאַלעניץ און רעמבערטאָוו. אין פאַלעניץ האָט מען איבערגעלאָזט 100 מאַן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אינעם טאַרטאַק.

דעם 21טן אויגוסט האָט מען „אויסגעזידלט" די ייִדישע באַפעלקערונג פון מינסק־מאַזאָוויעצק, איבערלאָזנדיק עטלעכע הונדערט פּערזאָן וואָס האָבן געאַרבעט אין רודזקיס פאַבריק און אין דער געבײַדע פון דער שול א"נ פון קאָפּערניק. עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויפן אָרט די קראַנקע און זקנים. דעם צווייטן טאָג האָט מען דערשאָסן די מיטגלידער פון יודענראַט. אַ געוויסן טייל פון דער מינסק־מאַזאָוויעצקער באַפעלקערונג איז דעמאָלט געלונגען אויסצומײַדן דעם טויט — אַן ערך טויזנט מענטשן זענען אַנטלאָפן קיין קאַלושין, קאָלביעל, דאָברע, סטאַניסלאַוואָוו, שעננייצע, לאַטאָוויטש.

אין די טעג פון 22טן ביזן 24טן אויגוסט זענען כמעט אַלע ייִדן פון שעדלעצער קרײַז אומגעקומען אין די גאַזקאַמערן פון טרעבלינקע. דעם 24טן אויגוסט האָט מען דערשאָסן אין שעדלעץ די קראַנקע און דעם שפּיטאָל־פּערסאָנאַל. מען האָט איבערגעלאָזט 500 מענטשן, וועלכע מען האָט אײַנגעאָרדנט אין 2 הײַזער אין קליינעם געטאָ אין דעם א"ג „דרײַעק". שפּעטער האָט מען לעגאַליזירט דאָס אויפהאַלטן זיך אין קליינעם געטאָ פון אַן ערך 1000 מענטשן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין טאָג פון דער „אַקציע". לעבן די ייִדן האָט מען אײַנגעאָרדנט אין איינעם פון די הײַזער אין קליינעם געטאָ די ציגײַנערס. אין שעדלעץ און אויף די פּעריפעריעס פון שעדלעץ האָבן זיך געפונען עטלעכע צוואַנציק קלענערע און גרעסערע דײַטשע פּלאַצוווקעס. נאָך דער „אויסזידלונג" האָט מען אַ טייל פון די פּלאַצוווקעס קאַשאַרירט; אויף אַנדערע פּלאַצוווקעס זענען די אַרבעטערס אַרויסגעגאַנגען יעדן טאָג פון קליינעם געטאָ.

דעם 25טן אויגוסט 1942 איז באַנײַט געוואָרן די „אויסזידלונגס־אַקציע" אין וואַרשעווער געטאָ. עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן דעם טאָג קיין טרעבלינקע 3000 מענטשן; קיינער איז דעמאָלט נישט איבערגעשיקט געוואָרן אויפן צולאַג (דורכגאַנגס־לאַגער). אין משך פון די ערשטע 4 וואָכן פון דער „אַקציע" האָט מען צוגעשטעלט אויפן צולאַג אַ טייל מענער — יונגע, געזונטע און פֿעיִקע צו פיזישער אַרבעט. פון צולאַג האָט דער אַרבעטסאַמט איבערגעשיקט די מענטשן אין פאַרשידענע אַרבעטס־לאַגערן. לויט די אָפיציעלע ציפערן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויפן צולאַג צווישן 22טן יולי און דעם 19טן אויגוסט 1942 איבער 9000 מענער.

דעם 25טן אויגוסט האָט דער יודענראַט געמאָלדן דער עפנטלעכקייט די פאַראָרדענונג פון אַרבעטסאַמט וועגן דעם, אַז דאָס טוישן דעם אַרבעטספּלאַץ קאָן מען נאָר מיט דער פריִערדיקער דערלויבעניש פון דעם אַמט, ד"ה פון דער אָפּטיילונג פון אַרבעטסאַמט פאַר דעם ייִדישן קוואַרטאַל. די אינערלעכע אָנווײַזונגען פון אַרבעטסאַמט פון 24טן אויגוסט 1942 האָבן אַנטהאַלטן די ליסטע פון די אָנערקענטע פירמעס אין געטאָ און די דײַטשע פּלאַצוווקעס אויף דער „אַרישער" זײַט, און אויך די צאָל פון די פאַר זיי באַשטימטע אַרבעטערס. די אָנווײַזונג האָט צוגעפעסטיקט צו די באַשטימטע אַרבעטספּלעצער אַן ערך 30 טויזנט מענטשן, אָן די משפּחה־מיטגלידער. אין אויגוסט זענען אָפּט פאָרגעקומען בלאָקאַדעס אין די שאָפּן. מען איז פּלוצלינג אָנגעפאַלן אויף די שאָפּן און דורכגעפירט דאָרט אַ סעלעקציע, באַגלייט מיט שלאָגן, שיסערײַען און אַ טומל. מען האָט זיך נישט גערעכנט מיט די באַדערפענישן פון דער פאַבריק און אָפּט אַפילו צוגענומען די סאַמע נייטיקסטע פאַכמענער.

אין משך פון חודש אויגוסט 1942 האָט מען ליקווידירט אַלע קינדער־אַנשטאַלטן, אינטערנאַטן, האַלב אינטערנאַטן, זויגהיימען, בורסעס און יתומים־הײַזער. די לעצטע טעג פון אויגוסט און די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער זענען געווען פאַרהעלטענישמעסיק רויִקע, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „אַקציע" ענדיקט זיך. דער ייִדישער שפּיטאָל האָט באַקומען אַ באַפעל צוריק פאַרנעמען די געבײַדע, וועלכע ער האָט געמוזט פאַרלאָזן דעם 22טן יולי. בעת דער אַקציע האָט מען אין דער געבײַדע געזאַמלט די מענטשן פאַרן אויפלאָדענען זיי אין די וואַגאָנען, ווייל דער בנין איז געלעגן בשכנות מיטן אומשלאַגפּלאַץ.

צווישן דעם 3טן און 5טן סעפּטעמבער האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די אינטענסיווע בלאָקאַדעס אין די שאָפּן. יעדער שאָפּ האָט געמוזט צושטעלן אַ געוויסע צאָל מענטשן צו דער „אויסזידלונג". דעם 5טן סעפּטעמבער קומט אַ געוואַלדיקער קלאַפּ — אַ פאַראָרדענונג אַז אַלע אײַנוווינערס פון געטאָ דאַרפן זיך שטעלן אין אַ פּירעק פון גאַסן, וואָס מען האָט אָנגערופן קעסל, פאַרזאַמלען דעם 6טן סעפּטעמבער ביז 10 אין דער פרי די גאַנצע באַפעלקערונג פונעם געטאָ, וועלכער מען האָט געהייסן מיט זיך מיטנעמען שפּײַז אויף 2 טעג. די „רעגיסטראַציע" האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך. ווידער זענען יעדן טאָג אָפּגעגאַנגען צוגן מיט מענטשן קיין טרעבלינקע. בלויז דעם 8טן סעפּטעמבער זענען, לויט די דײַטשע ציפערן, אַוועק קיין טרעבלינקע 13.596 מענטשן; אין משך פון דער וואָך — וואָרשײַנלעך אַן ערך 50 טויזנט. צווישן 6טן און 10טן סעפּטעמבער האָט מען פאַרלאָדנט אין די וואַגאָנען די קראַנקע פון שפּיטאָל צוזאַמען מיט די דאָקטוירים און טעכנישן פּערסאָנאַל. דעם לעצטן טאָג פון דער „רעגיסטראַציע", דעם 12טן סעפּטעמבער, זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע 4806 מענטשן, גלײַכצײַטיק זענען 1200 איבערגעשיקט געוואָרן אויפן צולאַג. אין משך פון דער וואָך זענען פאַרנאָטירט געוואָרן 3047 טויטפאַלן, דערפון 86 פּראָצ' דערשאָסענע. נאָך דער סעלעקציע, וועלכע די היטלעריסטישע מערדערס האָבן אָנגערופן „רעגיסטראַציע", האָבן דאָס רעכט צו פאַרבלײַבן אין געטאָ באַקומען 32—35 טויזנט מענטשן. אין דער אמתן זענען איז געטאָ פאַרבליבן אַ סך מער מענטשן. אַ סך זענען אַנטלאָפן אויף דער „אַרישער" זײַט.

איבער די גאַסן פון נײַ־באַשטימטן געטאָ האָבן אָנגעהויבן אַרומגיין פּאַטראָלן, וואָס האָבן געהאַט אַ בפירושן אָנזאָג צו שיסן אויף ייִדן בײַ דער מינדסטער געלעגנהייט. בעתן בלאָקירן די הײַזער האָט מען ווײַטער דערשאָסן די אויסבאַהאַלטענע. דעם 21טן סעפּטעמבער, יום־כּיפּור, האָט מען „אויסגעזידלט" 2.196 מענטשן. דעם טאָג איז פאַרענדיקט געוואָרן די גרויסע „אויסזידלונגס־אַקציע" אין וואַרשעווער געטאָ.

אַרום דעם געטאָ איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ נײַע ליניע פון גרענעץ־מויערן; עס זענען איבערגעטראָגן געוואָרן געוויסע אונטערנעמונגען און אינסטיטוציעס; די שאָפּן וואָס האָבן זיך געפונען אויסערן געטאָ זענען געוואָרן אַרומגעמויערט, און די וווינונגס־בלאָקן פון די אַרבעטערס אַרומגעצוימט. די קאָמוניקאַציע צווישן געטאָ און די אינדזלען ווו די שאָפּן האָבן זיך געפונען איז פאָרגעקומען אויפן גרונד פון דורכגאַנגשײַנען, וואָס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן דורך דער געטאָמאַכט. אויף די גאַסן האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. די מערדערישע האַנט האָט אויסגעפירט איר אַר־

בעט. לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק זענען פאַרבליבן אין די שאַפּן אַן ערך 26 טויזנט מענטשן און אַרום 3 טויזנט באַשעפטיקטע אין יודענראַט.

ווידער איז געקומען די ריי אויף דער פּראָווינץ. צווישן 22טן און 24טן סעפּטעמבער האָט מען אַדורכגעפירט די פאַרטיליקונג פון דער מערהייט יידישע יישובים אינעם קרייז סאָקאָלאָוו־ווענגראָוו, ווי אויך אין יאַדעוו. צווישן 25טן און 27טן סעפּטעמבער האָט מען פאַרניכטעט אַ טייל פון די יישובים אין מינסק־מאַזאָוויעצקער קרייז. אין די לעצטע טעג סעפּטעמבער — די מערהייט יישובים אין גאַרוואָלינער קרייז. אין די ערשטע טעג אָקטאָבער האָט מען ליקווידירט די יידישע יישובים אין סאָביעניע, יעזשאָרע, ראַדזימין, לודווישין (לעגיאָנאָוואָ), וואָלאָמין.

די „אויסזידלונגס־אַקציעס" זענען געקומען פאַר יעדן יישוב אומגעריכט. אין מיטן דער נאַכט איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ געדיכטן פּאָליציי־קאָרדאָן; אַנטלויפן איז געווען כמעט אוממעגלעך. קיין שום זיכערע רעטונג איז נישט געווען אין די באַהעלטענישן, ווייל מען האָט זיי גענוי אַדורכגעזוכט נאָך דער „אַקציע". אין דעם פּעריאָד טרעפט זיך דאָך אָפטער דאָס אַנטלויפן אין די וועלדער. אינעם טאָג פון דער „אויסזידלונג" איז דער גרעסטער טייל איינוווינערס פון ווענגראָוו אַנטלאָפן אין די וועלדער פון דער אומגעגנט אָדער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין מלינות.

הינטער יאַדעוו איז טעטיק געווען אַ פּאַרטיזאַנישע גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון דעם יאַדעווער איינוווינער משה זשעלעניעץ. אויך פון ראַדזימין זענען 200 יונגע יידן אַוועק אין וואַלד אַריין.

דאָס אַרומזוכן די באַהאַלטענע אין די וועלדער האָט פאַרשלונגען אַ סך צייט און ענערגיע. דער היטלעריסטישער אָקופּאַנט האָט זיך גענומען צו אַ זיכערן מיטל, וואָס האָט געדאַרפט איינשלעפערן די וואַכזאַמקייט פון דעם געפּלאָגטן קרבן. ער האָט נעמלעך, פאַרעפנטלעכט אַ נייע פאַראָרדענונג פון העכערן פירער פון דער פּאָליציי און ס"ס אין קראָקע, קריגער, וועגן שאַפן יידישע וווינראַיאָנען אין די וואַרשעווער און לובלינער דיסטריקטן. אָט די פאַראָרדענונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם 28טן אָקטאָבער 1942, ווען די פאַרניכטונג פון די יידישע יישובים אין וואַרשעווער דיסטריקט איז געווען אַ פולשטענדיקע. עס זענען געבליבן אַ פּאָר טויזנט יידן אין שעדלעץ, עטלעכע אַרבעטער־בריגאַדעס אין מינסק־מאַזאָוויעצק, צו 100 מענטשן אין פּאַלעניץ און ווענגראָוו. אין וואַרשע זענען לויט דער רעגיסטראַציע פון יודענראַט געבליבן 35.639 מענטשן.

אין קריגערס פאַראָרדענונג זענען אויסגערעכנט געוואָרן פאַרן וואַרשעווער דיסטריקט 6 וווינראַיאָנען: וואַרשע, קאַלושין, קאָסאָוו, שעדלעץ, סאָבאָלעוו און רעמבערטאָוו. אין מיטן נאָוועמבער 1942 האָט דער קאָמיסאַר אויערסוואַלד גערופן צו זיך דעם פּרעזעס פון וואַרשעווער יודענראַט ליכטענבוים צוזאַמען מיט נאָך 2 ראַטמענער און אין דער אָנוועזנהייט פון גענעראַל פאַן זאַמערן, דעם אָנפירער פון דער פּאָליציי און ס"ס אין וואַרשעווער דיסטריקט, האָט ער געמאָלדן, אַז עס איז פאַרגעזן דאָס צוקומען פון לכל־הפּחות נאָך 5 טויזנט יידן אין וואַרשעווער געטאָ אַריין. די יידישע פאַרשטייערס ,וואָס האָבן געמוזט דערביי שטיין, האָט אויערסוואַלד אויך געמאָלדן, אַז די אַפּראָוויזאַציע וועט אָנערקענט ווערן פאַר די נישט־באַשעפטיקטע פּונקט ווי פאַר די באַשעפטיקטע און געפּאָדערט פון זיי אַן אַרבעטספּלאַן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אויף דער צייט ביז מיי 1943.

אין משך פון נאָוועמבער 1942 איז פאָרגעקומען אַ פרייוויליקער און געצוווּנגענער צופלוס פון יידן אין וואַרשעווער געטאָ. אַ טייל פון די פריער אויסבאַהאַלטענע אין געטאָ גופא האָבן זיך איצט לעגאַליזירט. אַן ערך 1000 מענטשן האָט די מאַכט באַפרייט פון אומשלאַגפּלאַץ.

אין נאָוועמבער און אָנהייב דעצעמבער 1942 האָט די היטלעריסטישע מאַכט אויפגעלייזט די מערהייט פון די לאַגערן אין וואַרשעווער דיסטריקט, און אין טייל לאַגערן האָט מען איצט רעדוצירט די צאָל לאַגערניקעס. אין די לאַגערן האָט מען אַרויסגעהאָנגען די פאַראָרדענונג וועגן שאַפן די „וווינקוואַרטאַלן". די לאַגערניקעס זענען געוויינלעך אַוועק אין דעם נאָענטסטן „קוואַרטאַל" (וואָהנבעצירק). פונעם לאַגער אין ביזשינע (קרייז מינסק־מאַזאָוויעצק) זענען די לאַגערניקעס אַוועק קיין קאַלושין, פונעם לאַגער ווילגא (קרייז גאַרוואָלין) קיין סאָבאָלעוו.

אין וואַרשעווער געטאָ זענען געקומען אין נאָוועמבער גרעסערע גרופּעס יידן פון די געטאָ־לאַגערן אין טאַרכאָמין, ווילאַנאָוו, קאָלביעל, קאַרבאָוואָ, סלאָנטשין — לעבן גריצע.

אָנהייבנדיק פון 1טן דעצעמבער האָט מען באַזעצט אין געטאָ די לאַגערניקעס פון קאַרטשעוו, קופּלעוו, קלימאָנטאָוו, צוזאַמען העכער 300 מענטשן, און דעם 10טן דעצעמבער — 83 מענטשן פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער חלוצישער פאַרם אין טשערניאַקאָוו. יעדן טאָג האָט מען אויך איבערגעשיקט אין געטאָ אַריין די וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן אויף דער „אַרישער" זייט.

סוף נאָוועמבער האָט מען איינגעאָרדנט אין געטאָ 2 בלוטיקע טעג: מען האָט דערשאָסן עטלעכע צענדליק מענטשן, וואָס האָבן געהאַנדלט אָדער זענען פשוט פאַרבייגעגאַנגען אין גאַס. די קרבנות האָט מען דערשאָסן אונטערן אויסרייד, אַז זיי זענען געגאַנגען אין גאַס בעת דער אַרבעטסצייט. אין דעצעמבער, אַזש ביז אין דער העלפט יאַנואַר 1943, איז געווען ווידער פאַרהעלטענישמעסיק רויק.

דורך דער צייט האָט מען זיך פאַרנומען מיט אויסמאָרדן די יידן אין וואַרשעווער דיסטריקט. דעם 26טן נאָוועמבער האָט מען איבערגעפירט די שעדלעצער יידן פון קליינעם געטאָ קיין גענשיבאָרעק, הינטער שעדלעץ, און אין 4 טעג אַרום, דעם 30טן נאָוועמבער, האָט מען אַלע אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע. בלויז עטלעכע וואָכן האָט עקסיסטירט דער „יידישער קוואַרטאַל" אין קאַלושין; אין דעצעמבער האָט מען אים ליקווידירט. אין יאַנואַר 1943 איז ליקווידירט געוואָרן דער „קוואַרטאַל" אין סאָבאָלעוו. אין רעמבערטאָוו איז דער „יידישער קוואַרטאַל" אין גאַנצן נישט געשאַפן געוואָרן. האַרבסט 1942 האָט מען אַהערגעבראַכט און קאַסאַרנירט אין געטאָ אַן ערך 300 יידן פון וואַרשעווער געטאָ, וועלכע מען האָט באַשעפטיקט ביים סאָרטירן זאַכן אויפן פּלאַץ פון דער פאַבריק „פּאַטשיסק". אין דעצעמבער 1942 זענען אין מינסק־מאַזאָוויעצק אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן בית־עולם און דערשאָסן געוואָרן 218 מאַן פון דער אַרבעטס־גרופּע פון דער שול א"נ פון קאָפּערניק. דעם 10טן יאַנואַר 1943 האָט מען פאַרניכטעט די רעשטלעך פון דער גרופּע, אָנטרעפנדיק דערביי אויף אַ ווידערשטאַנד.

אויף אַ שטאַרקערן ווידערשטאַנד האָבן די היטלעריסטישע מערדערס אָנגעטראָפן ווען זיי האָבן דעם 18טן יאַנואַר 1943 אין דער פרי באַשטעלט די געטאָ־מויערן און דורך צוויי זייטן אַריינגעדרונגען אין וואַרשעווער געטאָ. די שווער־געפּרוּווטע באַפעלקערונג האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די צוגעגרייטע בונקערס. גרינג

איז דעם שונא נאָר אָנגעקומען פּלוצלונג אַרומצורינגלען יענע אַרבעטערס פון די פּלאַצוווקעס, וואָס האָבן זיך געגרייט בײַם טויער אַריבערצוגיין אויף זייערע אַרבעטפּלעצער, וועלכע זענען געלעגן אויסערן געטאָ. מען איז גלײַך צוגעטרעטן צו בלאָקירן אַ ריי הײַזער, פון וואַנען מען האָט אַרויסגעשלעפּט אַלע אײַנוווינערס. אַלע קראַנקע וואָס האָבן זיך געפונען אין פּראָוויזאָרישן שפּיטאָל האָט מען דערשאָסן אין די בעטן. מען האָט צוגענומען דעם גאַנצן פּערסאָנאַל פון שפּיטאָל און אַלע דאָקטוירים. די יאַנואַר־„אַקציע” האָט געדויערט 4 טעג. עס איז געקומען צו באַוואָפנטע אַרויסטרעטונגען. אויף פאַרשידענע גאַסן האָט מען געשאָסן צו די דײַטשן. די דײַטשע אַמבולאַנסן האָבן אַרויסגעפירט פאַרוווּנדעטע און געהרגעטע. מען האָט דעמאָלט אַרויסגעפירט 6000 מענטשן, 1000 האָט מען דערשאָסן אויפן אָרט. בעת דער „אַקציע” זענען שטאַרק דורכגעזיפּט געוואָרן די, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די פּלאַצוווקעס.

אין חודש פעברואַר האָט מען ליקווידירט דעם „ייִדישן קוואַרטאַל” אין קאָסאָוו־טעלאַקי.

די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ האָבן די היטלעריסטן אָדורכגעפירט אין אַפּריל 1943. נאָר דאָס מאָל האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַ צוגעגרייטן און גוט אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד. עס איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין געטאָ. נאָך עטלעכע טעג האָט דער אָנפירער פון דער פּאָליציי און ס"ס־גענעראַל סטראָאָפּ, נישט קאָנענדיק בשום אופן דערשטיקן דעם אויפשטאַנד, באַשלאָסן דאָס געטאָ אין גאַנצן צו פאַרניכטן, פאַרברענען אַלע הײַזערבלאָקן. מען האָט אויסגעליידיקט איין אונטערנעמונג נאָך דער צווייטער און דערנאָך די הײַזער פאַרניכטעט דורך פײַער. גלײַכצײַטיק האָט מען די אַרבעטער פון די שאָפּן אַרויסגעפירט אין לובלינער געגנט, קיין פּאָניאַטאָוו און טראַווניק. סטראָאָפּ גיט איבער אין זײַן ראַפּאָרט, אַז אַ גרויסע מאַסע ייִדן איז אומגעקומען אין די קאַנאַלן און בונקערס, וואָס זענען אויפגעריסן געוואָרן. לויט זײַן מײַנונג האָט זיך אײַנגעגעבן צו פאַנגען אָדער צו פאַרניכטן אַרום 56.065 ייִדן. סטראָאָפּ האָט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג אַז כאָטש די „גרויסע אַקציע” איז געוואָרן פאַרענדיקט דעם 16טן מײַ 1943, באַהאַלטן זיך נאָך אויס פון דעסט וועגן ייִדן אין די חורבות, און מען דאַרף זיי האַלטן אויפן אויג און אומבאַדינגט פאַרטיליקן. כדי אוממעגלעך צו מאַכן די ווײַטערדיקע עקסיסטענץ פון ייִדן אין געטאָ, האָט ער געהייסן פאַרניכטן אַלע געבײַדעס און אויך פאַרשטעקערטער, און אָפּשנײַדן דעם צופלוס פון וואַסער אין געטאָ. עטליכע חדשים געדויערט נאָך דאָס אָדורכזיפּן דאָס געטאָ, דאָס אויסזוכן אין די בונקערס און מלינות די באַהאַלטענע מענטשן, וואָס האָבן זיך אָפּט פאַרטיידיקט מיט גראַנאַטן און געווער אין האַנט.

אין מײַ 1943 האָט הימלער באַשלאָסן אָדורכצופירן אַן אײַליקע „עוואַקואַציע” פון די פאַרבליבענע ייִדן. אין וואַרשעווער דיסטריקט זענען אין דער צײַט ליקווידירט געוואָרן די לעצטע רעשטלעך. עס זענען דערשאָסן געוואָרן די ייִדן וואָס האָבן געאַרבעט אויפן טאַרטאַק אין פּאָלעניץ און בײַם סאָרטירן די זאַכן אין ווענגראָוו און די אַרויסגעפירטע פונעם לאַגער אין רעמבערטאָוו.

דעם 5טן יוני 1943 האָט מען דערשאָסן די אַרבעטערס פון רודזקיס פאַבריק אין מינסק־מאַזאָוויעצק.

נאָכן ליקווידירן דאָס וואַרשעווער געטאָ האָט די געסטאַפּאָ אָדורכגעפירט נאָך איין ראַפינירטע אַפּערע, כדי אַרײַנצוכאַפּן די וואַרשעווער ייִדן און אויך די אָנגעקומענע פון דער פּראָווינץ וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אויף דער „אַרישער” זײַט אין וואַרשע. דורך דער פאַרמיטלונג פון אירע אַגענטן און מיטאַרבעטערס האָט די געסטאַפּאָ אײַנגעאָרדנט אַ פאַרקויף פון פאַלשע פּאַפּירן אויף אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד. די אַפּערע איז באַוווּסט אונטערן נאָמען „האָטעל פּאָלסקי”, ווײַל אין דעם האָטעל האָט מען פאַרקויפט די פּראָמעסעס אויף אַרויספאָר. דאָרט האָבן אויך געוווינט די באַזיצערס פון די אויסלענדישע פּאַפּירן. פאַר די פּאַפּירן האָט מען געצאָלט אומגעהייערע סומעס. פון האָטעל פּאָלסקי איז סוף יוני 1943 אַרויסגעפאָרן אַ פּאַרטיע ייִדן קיין האַנאָווער. לויט קלאַנגען זענען אַ סך מענטשן פון דעם טראַנספּאָרט אין עטלעכע חדשים אַרום אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין בערגען־בעלזען און אין אָשוויענטשימער טויטלאַגער אין בזשעזשינקי. דעם 13טן יולי 1943 האָט מען אַרומגערינגלט דעם האָטעל פּאָלסקי אין וואַרשע און אַלע וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען האָט מען אויפגעלאָדן אויף אויטאָס. אַ טייל האָט מען אָפּגעפירט אויפן גדאַנסקער וואָקזאַל און 400 פאַרזאָן אין פּאַוויאַק. אין פּאַוויאַק האָט מען נאָכן אויסטיילן די פאַכלײַט, דערשאָסן אַלע געבערענגטע. די ייִדן וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן אויף דער „אַרישער” זײַט האָט די געסטאַפּאָ איבערגעשיקט נאָכן פאַרהער, אין פּאַוויאַק אַרײַן, אין די טויטקאַמערן, פון וואַנען מען האָט זיי געפירט צו דער עקזעקוציע. טייל פאַכלײַט האָט מען פון דאָרט אַרויסגעשיקט און באַשעפטיקט אין די שוסטער־ און שנײַדער־וואַרשטאַטן אינעם פּאַוויאַק. אין אָקטאָבער 1943 האָבן געאַרבעט אין פּאַוויאַק אַן ערך 100 ייִדישע בעלי־מלאכות. עס האָט אויך עקסיסטירט אַ גרופּע פון 40 ייִדן, וואָס מען האָט געפירט יעדן טאָג צו דער אַרבעט אין די גאַראַזשן פון דער געסטאַפּאָ. צו ערשט האָט מען זיי קאָשאַרירט אינעם לאַגער אויף גענשע־גאַס, שפּעטער — נעבן פּאַוויאַק. אין פעברואַר 1944 האָט זיך געפונען אין פּאַוויאַק אַ גרופּע פון 150 ייִדן. בעת דעם אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין וואַרשע, זומער 1944, האָבן די אויפשטענדלערס באַפרײַט פון אָט דער גרופּע 100 ייִדן. אַ טייל פון די באַפרײַטע האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם אויפשטאַנד.

אויף דער „אַרישער” זײַט אין וואַרשע האָבן, לויט דער אָפּשאַצונג פון ייִדישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, זיך געפונען אין מײַ 1944 15 טויזנט ייִדן, דערפון האָבן 10 טויזנט ייִדן באַקומען כסדרדיקע שטיצע פון דער ייִדישער קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע און פון „ראַט צו העלפן ייִדן”. אַ סך פון זיי זענען אומגעקומען בעת דעם אַלגעמיינעם אויפשטאַנד, (זומער 1944), אויך פון די הענט פון נס"ז און א"ק.

מיר ווילן אויפמערקזאַם מאַכן, אַז צו די איבערגעפולטע ייִדישע יישובים אין וואַרשעווער דיסטריקט האָט מען בכלל נישט אַרײַנגעפירט די ייִדן פון אויסלאַנד, ווי מען האָט דאָס געטאָן אין לובלינער דיסטריקט. טייל מאָל האָט מען אײַנלאָקירט די פון אויסלאַנד צוגעבראַכטע ייִדן אויסערן געטאָ (רעמבערטאָוו, וואַרשע).



# חורבן װאַרשע

דער דאָקומענט וואָס מיר גיבן דאָ, איז געפונען געוואָרן ווי אַן אַנאָנימער כתב־יד אין צווייטן טייל פון רינגעלבלום־אַרכיוו. ער איז צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אָן קיין שום שפּראַכלעכע אָדער אָרטאָגראַפֿישע ענדערונגען אין „בלעטער פאַר געשיכטע" פון „ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט" אין פּוילן. שפּעטער איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַז דער מחבר פון „חורבן װאַרשע" איז דער באַקאַנטער ייִדישער שרײַבער יהושע פּערלע.

מיר דרוקן דעם דאָקומענט לויט אונדזער אויסלייג.

הײַנט, דעם 31טן אויגוסט 1942, ווען איך הייב אָן די דאָזיקע אין בלוט און אין טרערן געטונקענע שורות, האָט זיך געשטעלט דער פערציקסטער טאָג זינט די מערדערישע היטלעריסטישע הינט צוזאַמען מיט די נידערטרעכטיקע אויסוואָרפן, וואָס מען רופט ייִדישע פּאָליציי — פּאַרטיליקן און ברענגען אום אויף אַן אַכזריותדיקן אופן די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון װאַרשעווער געטאָ.

דאָס װאַרשעווער געטאָ, אַרומגעצוימט פון אַלע זײַטן מיט ווייסטע מויערן וואָס די ייִדישע קהילה האָט געשטעלט פאַר איר געלט, האָט ביזן 22טן יולי 1942 געציילט אַן ערך פון דרײַ הונדערט און פופציק טויזנט נפשות. מען האָט זיך געשטיקט און געוואָרגן אין די ענגע, פאַרברודיקטע, חושכדיקע גאַסן.

דער טיפוס, וואָס האָט געבושעוועט אַ גאַנצן ווינטער, האָט געשניטן ווי מיט קאָסעס, דער הונגער האָט צוגענומען פון פיר ביז פינף טויזנט ייִדישע נפשות אַ חודש. די היטלעריסטישע הינט האָבן געשאָסן און אומגעברענגט מענטשן אַלע אַנדערן טאָג, פון דעסט וועגן האָבן ייִדן געלעבט (אַ קליינער פּראָצענט — גוט געלעבט) און נישט פאַרלוירן דעם בטחון, אַז סוף־כל־סוף וועט מען דעם משוגענעם הונט, דעם וועלטמערדער, איבערלעבן.

איז אָבער געקומען אַ שוואַרצער טאָג, דער שוואַרצסטער אפשר אין דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע — דער טאָג פון 22טן יולי 1942...

ס'איז נישטאָ די פעדער וואָס זאָל בכוח זיין אויסצושרײַבן אונדזער גרויסע בראָך. ס'איז נישטאָ דער דיכטער, נישטאָ דער נביא, וואָס זאָל זײַן אומשטאַנד אויסצוקלאָגן די קלאָג פון אונדזערע מאַמעס, בײַ וועלכע מען האָט אין מיטן העלן טאָג אַוועקגעריסן זייערע קינדער — און אומגעברענגט, ווי מען ברענגט אום שטשורעס.

און אויב איך וויל פאַרצייכענען די דאָזיקע שרעקלעכע שורות, איז עס דערפאַר, ווײַל איך ווייס נישט צי עס וועט נאָך עמיצער בלײַבן וואָס זאָל עס דערציילן. איך ווייס אויך נישט מײַן אייגענעם גורל.

ביז הײַנט איז שוין אומגעקומען צוויי מאָל הונדערט טויזנט ייִדן — אַלט און יונג, פרויען און קינדער. דער גורל פון די איבערגעבליבענע הונדערט און פופציק טויזנט איז אויך אַ געחתמעטער. הלוואַי כ'זאָל זאָגן ליגנט, אָבער לויט ווי עס גייט, וועט קיין איינער פון אונדז נישט בלײַבן צווישן די לעבעדיקע.

איך וויל, דעריבער, אַז די גרויסע וועלט (אויב אַזעלכע איז נאָך ערגעץ ווו דאָ) זאָל כאָטש אין אַ געוויסער מאָס געוואָר ווערן ווי אַזוי... מ'האָט אונדז אויסגעשאָכטן.

אויב מײַנע שורות וועלן זײַן כאַאָטיש, אויב די דאַטעס וועלן נישט אין גאַנצן שטימען, זאָל מען מיר מוחל זײַן. איך ווייס אַליין נישט ווי אַזוי איך קאָן נאָך האַלטן אַ פעדער אין דער האַנט.

אייגנטלעך האָט זיך דאָס ווילדסטע אומגליק אָנגעהויבן שוין דעם 17טן אַפּריל 1942. ס'איז געווען דעמאָלט פרײַטיק. אין גאַס האָבן זיך פאַרשפּרייט זייערע אומרויִקע קלאַנגען. אויף קלאָר האָט מען גאָרנישט געוווּסט. אָבער שוין זעקס אַ זייגער פאַר נאַכט האָט זיך די ייִדישע באַפעלקערונג באַמיט צו זײַן אין דער היים. די גאַס האָט אויסגעזען ווי ערב־יום־כפור פאַר „כל נדרי". אַ פחד, אַן אימה, איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף די מענטשלעכע פּנימער, אויף די אָפּגערוימטע טראָטואַרן, אויף די אָפּגעשלאָסענע הײַזער, און אפילו אויף די מחנות הונגעריקע בעטלערס, וואָס זענען באַצײַטנס אַנטלאָפן אין זייערע לעכער אַרײַן.

און אין מיטן דער נאַכט פון פרײַטיק אויף שבת האָט עס זיך אָנגעהויבן. די דײַטשע תלינים זענען פאַרפאָרן אין ייִדישן געטאָ, אָנגעקלאַפּט אין דער, אָדער אין יענער טיר, (אויב דער סטרוזש, אַ ייִדישער פאַרשטייט זיך, האָט אַזוי גיך דאָס טויער נישט געעפנט — האָט מען אים אויפן אָרט דערשאָסן).

די תלינים זענען אַרײַן אין ייִדישע שטיבער, אַרויסגעשלעפּט עטלעכע און פופציק ייִדישע מענטשן, מענער און פרויען, באַפוילן

אראפגיין אויף דער גאס ,געהייסן מאכן עטלעכע טריט פאָרויס און פון הינטן געשאָסן אין קאָפּ אריַין. אויף יעדער גאס כמעט איז געלעגן א דערשאָסענער, — געלעגן, אזוי ווי א געפגרטער הונט.

פיר און פופציק הרוגים האָבן זיך געוואלגערט אין די רינשטאָקן. פיר און פופציק לוויות האָבן זיך צו מאָרגנס באהאלטענערהייט געשליַיכט צום גענשער בית־עולם, וואָס געפינט זיך אויסערן געטאָ — און מען מוז האָבן א ספּעציעלע דערלויבעניש אהין אריַינצוקומען.

פון יענעם פריַיטיק צו נאכטס אָן — האָבן זיך אָנגעהויבן דאָס אויסמאָרדעווען די יידישע באפעלקערונג אין מיטן דער נאכט.

נישט געווען די נאכט — עס זאָלן נישט אומקומען א צענדליק מענטשן — פון פארשידענע קלאסן און פארשידענע פּראָפעסיעס.

פון הינטערן פּלויט אפּער האָבן די היטלעריסטישע הינט געשאָסן. אין מיטן דער גאס אין קאָפּ אריַין. געלאָזט דעם הרוג נעבן א טויער אָדער אין רינשטאָק און אליין נעלם געוואָרן. די יידישע לוויה־אנשטאלטן, וואָס זענען געוואקסן ווי שוואָמען נאָך א רעגן, האָבן אָפּגערוימט די הרוגים. די יידישע סטרוזשעס האָבן אָפּגעוואשן דאָס בלוט — און די גאנצע יידישע באפעלקערונג (צו אונדזער גרויסער שאנדע און חרפּה) האָט אָפּגעווישט דאָס מויל און וויַיטער געלעבט. אויסטערליש געלעבט. די שמוגלערס, למשל, די בעקערס, פארשידענע ספּעקולאנטן און אונטערוועלט־מענטשן, וואָס זענען עולה לגדולה געוואָרן, האָבן געלעבט פארשווענדעריש, פּאררישן, גראָביונגיש. דער איבעריקער טייל, דאָס הייסט 99 פּראָצענט יידן, זענען געשטאָרבן אין די גאסן פון הונגער, (בוכשטעבלעך) פארשניטן געוואָרן פון טיפוס, און דעסגליַיכן.

ביז ס׳האָט זיך ווידער פארשפּרייט א ביטערער קלאנג. אויף דער גרענעץ פון יידישן געטאָ און דער ארישער זיַיט איז דערהרגעט געוואָרן א היטלעריסטישער זשאנדאר. ווער ס׳האָט אויסגעפירט דעם מאָרד, איז נישט געווען באקאנט. אָבער שולדיק דארפן זיַין יידן. איז ווידער געפאלן אָן אימה. מען האָט זיך ווידער געריכט אויף עפּעס. און ווירקלעך זענען געקומען די געסטאפּאָ־לײַט אין דער יידישער קהילה און געהייסן אויסגראָבן א קבר אויפן יידישן בית־עולם פאר 200 מאן.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס ס׳האָט זיך געטאָן אין די יידישע היַיזער. יעדער ייד האָט זיך געריכט צו זיַין איינער פון די 200.

און אז ס׳איז צוגעפאלן די נאכט זענען די דיַיטשע רוצחים געקומען אין דער יידישער תפיסה (אזעלכע איז אויך געווען אין געטאָ) און אויסגעקליבן 100 יונגע יידן, צווישן זיי א סך קינדער. (זייער חטא איז באשטאנען אין דעם, וואָס זיי האָבן זיך אריבערגעקריגן אויף דער ארישער זיַיט בעטלען, אָדער קויפן עפּעס צו עסן). די 100 יידן האָט מען פריִער מערדערלעך געשלאָגן, דערנאָך אוועקגעפירט אויפן פּראגער בית־עולם און דאָרט ביז איינעם דערשאָסן. 100 אומבאקאנטע קדושים זענען אומגעקומען פאר גאָרנישט און פאר נישט. צו מאָרגנס האָט זיך אויף די מויערן פון געטאָ באוויזן אָן אומפארשעמטער, צינישער, פארברעכערישער פּלאקאט, אונטערגעשריבן פון קאָמיסאר פארן יידישן געטאָ אויערסוואלד, אז אין דער און דער נאכט זענען דערשאָסן געוואָרן 100 יידן, וויַיל זיי האָבן געשטעלט א ווידערשטאנד דער מאכט און זענען באגאנגען אקטן פון סאבאָטאזש. אויב דאָס וועט זיך נאָך א מאָל איבערחזרן, וועלן אָנגענומען ווערן לגבי יידן נאָך שטרענגערע מיטלען.

יידן האָבן ווידער אָפּגעווישט דאָס מויל און די נאכטמאָרדן האָבן נישט אויפגעהערט. אין דער שטוב אכט מענטשן, אין יענער שטוב 10 מענטשן. די רוצחים זענען געקומען מיט רשימות פון נעמען, אויב מען האָט נישט געטראָפן דעם וועמען מען האָט געזוכט, האָט מען אין איין וועגס אנידערגעלייגט אנדערע וואָס האָבן זיך געפונען אין שטוב. עטלעכע מענטשן האָט מען אראָפּגעוואָרפן פון די פענצטער. א שאָד געווען קאליע צו מאכן א דיַיטשע קויל.

דאָס בלוט איז אָפּגעוואשן געוואָרן. און מען האָט געמוזט לעבן, הילפלאָז און אוממעכטיק. די אפּאטיע ביַי דער יידישער באפעלקערונג איז אזוי וויַיט דערגאנגען, אז מען האָט אפילו נישט געהאלטן פאר נייטיק צו פארקריצן מיט די ציין... איבער הויפּט וועט מען מוזן פאָדערן א דין וחשבון פון יענע לײַט, וואָס זענען ארויפגעשווומען אויף דער אייבערפלאך, פון די אלע רעדל־פירערס, דעה־זאָגערס, כלל־טוערס און אנדערע בעלי־טובות.

נישט אציַנד און דאָ איז דאָס אָרט וועגן דעם צו רעדן. דערוויַיל האָט זיך אָנגערוקט דער טאָג פון 22טן יולי 1942. דער פינצטערער טאָג אין דער געשיכטע נישט בלויז פון פוילישן, נאָר פון יידנטום איבער דער גאנצער וועלט.

איר, שוועסטער מיַינע און ברידער, וועמען ס׳האָט געטראָפן דאָס גרויסע גליק אויסצוּוואנדערן קיין אמעריקע, קיין ארץ־ישראל, קיין ענגלאנד, קיין ארגענטינע — איר אלע, וואָס איר עסט דאָרט צו דער זעט און שלאָפט א רויִקן שלאָף, זאָלט וויסן, אז דאָ אין פוילן, ווו איר האָט איבערגעלאָזט משפּחות און קרובים, האָט איר נישט מער קיין טאטעס, האָט איר נישט מער קיין מאמעס — איַיערע קינדער זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן — איַיערע שוועסטער, איַיערע ברידער זענען אכזריותדיק אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע רוצחים מיט דער הילף פון יידישע פּאליציייִשע הענט.

אָט אזוי איז עס פארגעקומען:

א שטיק צײַט פארן 22טן יולי זענען שוין געגאנגען בייזע קלאנגען, אז מען וועט די ווארשעווער יידן ארויסשיקן, אזוי ווי מען האָט עס געטאָן מיט די לובלינער, מיט די קראָקעווער, מיט די לאָדזשער און מיט אנדערע יידן.

אויף היטלערן, אויף דער דאָזיקער פארמבולדיקער חיה, איז אלץ צו גלייבן. די סאדיסטישע מיטלען, וואָס ער ווענדט אָן, גייען איבער יעדן מענטשלעכן פארשטאנד. קיין שום פארברעכער, מעג אפילו זיַין דער גרעסטער, וועט נישט האָבן אזעלכע בלוטיקע, ראפינירטע איַינפאלן...

יידן האָבן פון דעסט וועגן נישט געגלויבט. דריַי הונדערט און פופציק טויזנט יידן וועט מען ארויסטריַיבן פון ווארשע? וווּהין וועט מען זיי טריַיבן? וואָס וועט מען טאָן מיט זיי? היטלער איז דען אימשטאנד דאָס דורכצופירן? און צו וואָס דארף ער עס דורכפירן, אז ער צאפּט פון געטאָ צענדליקער מיליאָנען, אז דאָס געטאָ ארבעט פאר אים. אזוי האָבן יידן געטענהט און נישט פארגעשטעלט זיך, אז אויב עס גייט וועגן יידן, איז די ברוינע בעסטיע אימשטאנד חרוב צו מאכן די וועלט.

און זי האָט חרוב געמאכט. ביזן ביין, ביזן וואָרצל.

ווי א דונער פון הימל האָט זיך פּלוצלינג פארשפּרייט די ידיעה, אז די געסטאפּאָ־לײַט האָבן ארעסטירט אלע מיטגלידער פון יידישן ראט (יידישע קהילה — געמיינט).

צום יידישן ראט, אין שפּיץ פון וועלכן ס׳איז געשטאנען אינזש׳ א. טשערניאקאָוו — א קליינער, גיַיסטיק־אָרעמער מענטש,

האָט אויך געהערט איינער פון די חשובסטע און ערלעכסטע װאַרשעװער ייִדן, אַברהם געפּנער.

א. געפּנער איז געװען דער עלטסטער מיטגליד פון ייִדישן ראַט. די ייִדישע באַפעלקערונג האָט אים געהאַלטן בכבודיק. ער איז אויך געװען פאָרזיצער פון באַשפּײַזאַמט, װאָס האָט פאַרזאָרגט דאָס געטאָ מיט לעבנס־מיטלען. אמת איז, דער באַשפּײַזאַמט איז געװען אַן אינסטיטוציע פון גנבה, פון גזלה, פון קאָרופּציע און פון װאָס איר װילט נאָר. די ייִדישע באַפעלקערונג איז געשטאָרבן אין די גאַסן פון הונגער, אָבער די דירעקטאָרן, די אַלערלײ פּראָקורענטן און פּראָקורענטלעך, גאַנצע משומדים און האַלבע משומדים, קאַריעריסטן פון ביליקן סאָרט, האָבן געפרעסן און געזויפט פון כל טוב. זייערע בײַטלען זענען געשװאָלן געװאָרן פון ליִנקע בלוטיקע געלטער.

אַברהם געפּנער, מוז מען זאָגן דעם אמת, האָט צו די אַלע זאַכן קיין שײַכות נישט געהאַט. די קליקע אַרום אים איז געװען שטאַרקער. און אויב מען האָט די געמיינע קליקע פײַנט געהאַט, האָט די גאַס געפּנערן ליב געהאַט, געגלויבט אין אים. דעריבער, װען מען האָט געפּנערן אויך אַרעסטירט — איז געפאַלן אַ װיסטער פּחד אויפן געטאָ. מען האָט געפילט, אַז עס גרייטן זיך ביטערע גזרות. מיט אַ מאָל איז אַלץ אָפּגעשטאָרבן. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען מיט טויטע פּנימער, מיט פיבער אין די אויגן. װאָס װעט דאָ זײַן? װאָס גייט אויף אונדז?

אַזוי האָט געדויערט עטלעכע טעג. מען האָט נישט געװוּסט נישט אַהין און נישט אַהער. ביז ס'איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז מען האָט געפּנערן באַפרײַט, אים און צוזאַמען מיט אים נאָך עטלעכע מיטגלידער פון ייִדישן ראַט.

די גאַס האָט אויפגעלעבט. פרעמדע מענטשן זענען זיך געפאַלן אויפן האַלדז און געקושט. אויב מען האָט דעם פּרעזעס געפּנערן באַפרײַט, איז אַ סימן אַז עס װעט גאָרנישט געשען. אָבער געפּנער און צוזאַמען מיט אים די איבעריקע מיטגלידער פון ראַט זענען צוריקגעקומען פון תּפיסה מיט אָפּגעשױרענע קעפּ, װי אַלטע, געשװוּירענע אַרעסטאַנטן, און מיט פינצטערע פּנימער. זיי זענען צוריקגעקומען מיט דער ביטערער בשורה, אַז די דײַטשע הינט האָבן באַשלאָסן אַרויסצושיקן פון װאַרשע אַלע ייִדן. יעדן טאָג מוזן צוגעשטעלט װערן זעקס טויזנט ייִדן. דורכפירן דעם גירוש דאַרף די ייִדישע קהילה. די בראָך, הייסט עס, דאַרף אויסגעפירט װערן דורך ייִדישע הענט.

מיט אַ שעה צי מיט צװיי שעה שפּעטער, דעם 22טן יולי 1942 — (גראָד איז אויסגעפאַלן תשעה־באב) — האָבן זיך גלײַך באַװיזן פּלאַקאַטן אויף די מויערן, אונטערגעשריבן דורכן ייִדישן ראַט אין װאַרשע, אַז אויפן באַפעל פון דער דײַטשער מאַכט װערן אַלע ייִדן אַרויסגעשיקט פון װאַרשע (אויף דײַטש — איבערגעזידלט) אין די מיזרח־געביטן.

בלײַבן אין װאַרשע װעלן קאָנען: די ייִדישע פּאָליציי־לײַט מיט זייערע פאַמיליעס (װײַבער און קינדער), די באַאַמטע פון ייִדישן ראַט, די באַאַמטע פון באַשפּײַזאַמט, די באַאַמטע פון ייִדישן הילפס־קאָמיטעט און אויך יענע ייִדן, װאָס זענען פעיִק צו אַרבעט. די דאָזיקע ייִדן װעלן קאַסאַרירט װערן, ד"ה זיי װעלן װוינען אין ספּעציעלע הײַזער אויפן קאַזאַרמישן אופן און װעלן אַרבעטן פאַרן דײַטשן מיליטערישן געברויך.

די איבערזידלונג, איז װײַטער געזאָגט געװאָרן אין פּלאַקאַט, הייבט זיך אָן שוין הײַנט, 11 אַ זײַגער אין דער פרי. װער ס'װעט זיך אויסבאַהאַלטן, װער ס'װעט זיך אַנטקעגנשטעלן, װעט דערשאָסן װערן אויפן אָרט.

און דאָס אומגליק האָט זיך אָנגעהויבן אין דער גאַנצער גרייס און ברייט. די ייִדישע פּאָליציי־לײַט, די דאָזיקע צװיי טויזנט באַנדיטישע הינט, װעגן װעלכע ס'װעט שפּעטער אויסקומען דערציילן באריכות, האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט.

די ערשטע קרבנות זענען געפאַלן די דײַטשע ייִדן, װאָס זענען שוין צענדליקער מאָל איבערגעשיקט און איבערגעװאָרפן געװאָרן פון איין אָרט אויפן אַנדערן. מען האָט זיי אַרײַנגעװאָרפן אין װאַרשעװער געטאָ — פרעמדע, היימלאָזע, אומבאַהאָלפענע. װי עס זאָל נישט װיי טאָן, מוז מען זאָגן, אַז איבעריק סימפּאַטיש זענען זיי נישט געװען. זיי זענען געװען דײַטשן. געמיאוסט זיך מיט די אָסט־ייִדן, געזידלט, און אויב זיי האָבן געאַרבעט אין דײַטשע אונטערנעמונגען און געהאַט אַ שטיקל דעה, האָבן זיי די היגע ייִדן געשלאָגן.

דער משוגענער הונט היטלער האָט אין זיך אַזאַ טײַװלאָנישן כּוח, אַז ער קאָן אָנרייצן אַ ברודער אויף אַ ברודער, אַ זון אויף אַ טאַטן, זיי זאָלן זיך רײַסן װי די װעלף און ממתן איינער דעם אַנדערן. די דײַטשע ייִדן האָבן דעם גזר אויפגענומען שטיל. די ייִדישע פּאָליציי־לײַט האָבן זיי אָפּגעפירט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, דאָס אָרט פון װאַנען מען האָט זיי פאַרלאָדעװעט אין פאַרמאַכטע װאַגאָנען, אָן עסן, אָן טרינקען און אַװעקגעפירט אויף אומקום. דער אומשלאַג־פּלאַץ, אָדער בעסער געזאָגט, דער פּלאַץ פון פּײַן און פון טויט — איז אין די שפּעטערדיקע טעג געװאָרן דער סימבאָל פון מלאך־המות. בײַם אַרויסזאָגן דאָס דאָזיקע װאָרט איז דאָס בלוט פאַרקילט געװאָרן אין די אָדערן. דאָס האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

אָפּגעפאַרטיקט מיט די דײַטשע ייִדן, האָבן זיך די פּאָליציי־לײַט גענומען צו די אַזוי גערופענע פּונקטן, װוּ עס האָבן זיך געפונען צענדליקער טויזנטער אומגליקלעכע ייִדן, װאָס זענען אַרויסגעשיקט געװאָרן פון זייערע היימען און דאָ אונטער די פליגל פון דער װאַרשעװער קהילה אויסגעגאַנגען פון הונגער און פון טיפוס.

אַ פּונקט פאַר היימלאָזע אין װאַרשעװער געטאָ — דאָס איז אַפילו נישט געװען קיין הקדש. — אַ װיסטע נאָרע איז עס געװען, אַ ברודיקע, אַ פאַרװאָרלאָזטע, װוּ געזונטע מענטשן זענען געשלאָפן אויף איין געלעגער מיט טיפוס־קראַנקע, װוּ לעבעדיקע זענען געלעגן צוזאַמען מיט טויטע און װוּ מען האָט הונדערט מאָל אין טאָג געבעטן אויף זיך דעם טויט. די װאַרשעװער קהילה, װאָס האָט געצאַפּט געלט פון טויט און לעבעדיק, דער באַשפּײַזאַמט, װאָס זײַנע דירעקטאָרן זענען געגאַנגען אין גאָלד — האָבן אַזוי װײַט געזאָרגט פאַר די פּונקטן, אַז די מענטשן דאָרט זענען געפאַלן װי פליגן.

אַז מען איז אַרײַנגעקומען אין אַ פּונקט האָט מען נישט געזען קיין מענטש. לעבעדיקע מתים האָבן זיך אַרומגעדרייט, געשפּאַנטער, הויט און ביינער האָט געפוילט. די דאָזיקע געשפּענסטער איז, אייגנטלעך, אַלץ איינס געװען װאָס מען װעט טאָן מיט זיי. זיי זענען סײַ װי סײַ געװען פאַרמישפּט צום טויט. טאָ װאָס איז די נפקא־מינא װוּ זיי װעלן אומקומען? — דאָ אויפן „פּונקט", אָדער ערגעץ אין אַ װיסט פעלד? (די היטלעריסטישע הינט האָבן די דאָזיקע אומגליקלעכע ביז איינעם אויסגעשאָסן).

פון דעסט װעגן זענען געװען צװישן זיי אַזעלכע װאָס האָבן זיך נישט געלאָזט נעמען: זיי האָבן זיך געװערט, געשריגן, אַנטלאָפן, באַהאַלטן.

דעמאָלט האָבן די יִדישע פּאָליציי־לײַט, וואָס באַשטייען דאָס רוב פון האַלבע און גאַנצע משומדים, פון נישט דערפאַרענע אַד־וואָקאַטלעך, פון רײַכע סוחרישע זינדלעך, פון דער אַמאָליקער גאָלדענער יוגנט — געוויזן וואָס זיי קענען.

מיט גומענע שטעקענעס און סתם מיט שטעקנס האָבן זיי גע־נומען שלאָגן די אומגליקלעכע פּונקטן־מענטשן מכּת רצח. זיי האָבן אַוועקגעריסן די קינדער פון די מאַמעס, די מענער פון די פרויען, די טאַטעס פון די זין — די געשרייען מיט די יללות זענען געגאַנ־גען עד לבֿ־השמים, אָבער אונדזער יִדישע פּאָליציי — ימח שמו וזכרו — האָט געהאַט פאַרשטיינערטע הערצער, נישט אויפגעהערט צו שלאָגן, צו ממתן, אַרויפגעפּאַקט די מענטשן אויף וועגענער און אַוועקגעפירט צום באַרימטן אומשלאַגפּלאַץ. אין אַזעלכע וועגענער פירט מען פאַרמישפּטע צו דער תּליה.

אַ ביטערע חושכדיקע נאַכט איז אַראָפּגעפאַלן אויפן געטאָ. דאָ און דאָרט האָט מען געשאָסן. יעדער שאָס האָט געקאָסט אַ יִדיש לעבן. יִדן זענען נישט געשלאָפן, געלעגן אין קעלערס, אויף בוידעמער, געפרעגט זיך, וועמען וועט מען נעמען מאָרגן? ווי אַזוי מײַדט מען אויס דאָס אומגליק?

אין יענער נאַכט, ד״ה אין דער נאַכט פון 22טן אויפן 23טן יולי 1942, נאָך אַ באַזוך פון די היטלעריסטישע הינט בײַם פאַר־זיצער פון יִדישן ראַט, אינזש׳ טשערניאַקאָוו — בײַ וועמען זיי האָבן פאַרלאַנגט, אַז אויפן מאָרגנדיקן טאָג זאָל ער צושטעלן צען טויזנט יִדן, האָט טשערניאַקאָוו אַ סוף געמאַכט צו זײַן לעבן.

עס מוז דאָ געזאָגט ווערן אַ פּאָר ווערטער וועגן פאָרזיצער פון דער וואַרשעווער קהילה, אינזש׳ טשערניאַקאָוו: ער איז געווען אַ מענטש אַ גײַסטיק־אָרעמער, אַ דורכשניטלעכער, אַסימילירטער יִדישער אינטעליגענט. דער ביטערער גורל האָט געוואָלט ער זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אין דער שפּיץ פון דער גרעסטער יִדישער קהילה אין אייראָפּע, אין אַ צײַט, וואָס דאָס יִדנטום האָט נאָך קיין מאָל נישט איבערגעלעבט. דער דאָזיקער אינזשיניער איז נישט געווען דערוואַקסן צו דער דאָזיקער גרויסער און גלײַכצײַטיק טראַ־גישער אויפגאַבע. ס׳איז געווען איבער זײַנע כּוחות. ער האָט נישט פאַרשטאַנען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ער האָט גענומען אויף זיך. געפירט האָט ער די וואַרשעווער קהילה ווי אַ מענטש מיט קליינע השגות און, לאָמיר זיך נישט שעמען און זאָגן, ווי אַ גרוי־סער פּחדן. אַלץ וואָס די היטלעריסטישע באַנדיטן האָבן פאַרלאַנגט פון אים, האָט ער געטאָן. קיין מאָל נישט געוואַגט צו רעדן העכער ווי געוויינלעך, קיין מאָל נישט געפּרוּווט אַנטקעגנשטעלן זיך כאָטש אין דער קלענסטער מאָס. ער האָט גערעכנט, אַז אַזוי אַרום וועט ער אפשר אָפּראַטעווען דאָס וואָס עס לאָזט זיך אָפּראַטעווען. ער האָט גאָרנישט אָפּגעראַטעוועט. נישט ער און נישט אַלע איבעריקע מיטגלידער פון יִדישן ראַט, וואָס זענען געקראָכן פאַר די דײַטשע באַנדיטן אויף אַלע פיר...

טשערניאַקאָוו איז געגאַנגען פון דער וועלט — און ווען ער איז נאָך געלעגן אַ וואַרעמער, האָבן שוין די יִדישע פּאָליציי־לײַט געבושעוועט אויף דער גאַס.

עס איז שוין פריִער דערמאָנט געוואָרן, אַז די צוויי טויזנט יִדישע פּאָליציאַנטן, מיט וועלכע דער פרעזעס טשערניאַקאָוו האָט זיך אַרומגערינגלט, זענען דאָס רוב באַשטאַנען פון רײַכע זינדלעך, וואָס האָבן זיך אײַנגעקויפט אין די פּאָליצייִשע רייען פאַר גראָבע געלטער, כּדי נישט געכאַפּט צו ווערן אין די אַרבעטס־לאַגערן (די פּאָליציי איז געווען באַפרײַט פון די לאַגערן). די אָנפירערס פון די דאָזיקע פּאָליצייִשע יונגען זענען געווען איינער אַ משומד שערינ־סקי (זײַן אמתדיקער נאָמען איז שענקער), נאָך איינער — אַן אַד־וואָקאַט לעיקין און אַ דריטער משומד שמערלינג. שוין אין די פּוילישע צײַטן איז שערינסקי געווען אַ פּאָליציי־אַגענט. אַז פּוילן איז געפאַלן, איז ער געווען איינער פון די ערשטע וואָס האָט זיך געשטעלט צו דינסט דער היטלעריסטישער געסטאַפּאָ. זײַן טיטל איז געווען „פּאַניע פּולקאָווניקו”. ער האָט געאַרבעט געטרײַ, מיט מסירת־נפש, מיט איבערגעגעבנקייט. ער האָט שאַנטאַזשירט יִדן, אויסגעפּרעסט געלטער, געמסרט, געכאַפּט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, באַפרײַט פאַר גראָב געלט, ביז ס׳איז דערגאַנגען צו דער געסטאַפּאָ אַז איר געטרײַער קנעכט שערינסקי מאַכט לינקע גע־שעפטן. צווישן אַ יאָ מיט אַ ניין האָט מען אים אַרעסטירט. מען האָט געשמועסט, אַז שערינסקי וועט שוין קיין מאָל די ליכטיקע שײַן נישט אָנזען.

איז געקומען דער 22טער יולי און שערינסקי האָט זיך פּלוצ־לינג באַוויזן אויף דער פרײַ. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט פאָרגעלייגט דער געסטאַפּאָ, אָדער די געסטאַפּאָ האָט אים פאָרגע־לייגט (דאָס קאָן מען נישט דערגיין) דורכצופירן די איבערזידלונג פון דער יִדישער באַפעלקערונג אין וואַרשע. ער איז געוואָרן דער הויפּט־קאָמיסאַר פון דער איבערזידלונג. אַ תּלין איז דאָס געווען, נישט קיין קאָמיסאַר, אַ מערדער, אַ רוצח מיט אַ צלם אויפן האַלדז. ער האָט נישט געשוינט קיינעם, נישט קיין יונגן, נישט קיין אַלטן, נישט קיין קינדער, נישט קיין פרויען. ער איז אַליין אַראָפּגעקומען צו פאָרן אין די גאַסן אַרײַן, אַליין געכאַפּט, אַליין געשלאָגן, אַליין געממתט.

פאַר דער דאָזיקער שיינער אַרבעט, פאַרן אומברענגען דאָס גאַנצע וואַרשעווער יִדנטום, האָט אים אַ גערעכטע האַנט (גע־בענטשט זאָל זי זײַן) געשיקט אַ קויל אין קאָפּ אַרײַן. לײדער האָט דער שיסער אַזוי געצילט, אַז די קויל האָט דעם מנוּוולדיקן משומד נישט אַוועקגעלייגט אויפן אָרט. ביז הײַנט איז ער נאָך נישט געפּגרט*).

דער צווייטער מנוּוול איז געווען אַדוואָקאַט לעיקין. דאָס איז אַ קליין, קאָמיש מענטשל, וואָס פּאַסט זיך גיכער אַרײַן אין אַ צירק, איידער צו זײַן אַן אָנפירער פון פּאָליציאַנטן. און אפשר פּאַסט ער זיך פאַר ביידע? ער האָט זײַן אַרבעט געטאָן מיט אַ שמייכלדיק פּנים, מיט אַ לײַכט געמיט און מיט אַ וויליונגערישן אָנשטעל. הײַנט צוגעשטעלט אַזוי פיל און אַזוי פיל „קעפּלעך”, מאָרגן וועט ער צושטעלן אַזוי פיל און אַזוי פיל און חי — געלעבט. אים האָט נאָך קיין קויל נישט געטראָפן. דער דריטער מנוּוול הייסט שמער־לינג — אַ משומד — און אַ רוצח. ער האָט געאַרבעט אויפן אומ־שלאַג־פּלאַץ, ער האָט געהאָלפן די דײַטשע רוצחים לאָדעווען אין די וואַגאָנען אַרײַן, ער האָט געהאָלפן שלאָגן, ממתן, אויסזוכן, אויס־געפינען און ער האָט אויך טייל מאָל אויך געהאָלפן באַפרײַען אַ מענטשן. פאַר דער דאָזיקער „באַפרײַונג” איז אים צוגעקומען אין קעשענע אַרײַן אַ האַלבער מיליאָן זלאָטעס. דער האַלבער מיליאָן איז געבליבן בײַ אים, און צו מאָרגנס האָט מען אויף דאָס ניי גע־כאַפּט די אייגענע מענטשן, בײַ וועמען ער האָט געצאַפּט געלט און ער אַליין האָט זיי אויף דאָס ניי געהאָלפן לאָדעווען אין די וואַ־גאָנען אַרײַן אויף אומקום, אויף פאַרניכטונג.

---

*) ווי באַקאַנט, איז שערינסקי דערשאָסן געוואָרן דורך אַ יִדישן קעמפער, פון אַ רעוואָלווער, וואָס עס האָט ספּעציעל דערצו אַרײַנגעשיקט אין געטאָ דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון פּפּ״ר.

עס איז דאָ נאָך איינער, וואָס איז נישט קיין דירעקטער אָנפירער פון דער פּאָליציי, אָבער ער האָט מער דעה ווי אַלע פּאָליציי־אָנפירערס צוזאַמען.

זיין נאָמען איז פירסט. ער איז אַ רעוויזיאָניסט (זשאַבאָטינסקי, דריי דיך איבער אין קבר!). דער דאָזיקער פירסט האָט היינט די הויפּט־דעה אין דער וואַרשעווער קהילה. ער טראָגט נישט קיין אָרעמבאַנד (אָפּאַסקע), גייט אין שטיוול, אָן קיין נאַהייקע רירט ער זיך נישט. אַזוי זעען אויס אַלע געסטאַפּאָ־לייט, און ער איז איינער פון יענע לייט.

אַגב זאָל דאָ דערמאָנט ווערן צו אונדזער גרויסער בושה, צו אונדזער ביטערער קלאָג, אַז אין דער געסטאַפּאָ אַרבעטן עטלעכע הונדערט ייִדן — אַלס געהיים־אַגענטן.

איז אָט, אַז די הויפּט־אָנפירערס האָבן זיך אַזוי אויפגעפירט, וואָס האָבן געזאָלט טאָן די איבעריקע פּאָליצייִישע הינט? זיי האָבן דאָך געמוזט ווייזן, אַז זיי זענען געטריי, אַז זיי טוען זייער אַרבעט בשלימות.

איז נאָך דעם ווי מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן בינטל דייטשע פּליטים און מיט צענדליקער טויזנטער אומגליקלעכע פון די „פּונקטן" — האָט מען זיך גענומען צו די בעטלערס.

די געשיכטע פון די בעטלערס אין וואַרשעווער געטאָ איז איין שטיק פּיין, איין שטיק אומגליק. איך נעם זיך נישט אונטער איבערצוגעבן כאָטש אין אַ קליינער מאָס דעם חורבן, וואָס דאָס דאָזיקע צרעת האָט אָנגעמאַכט אין ייִדישן לעבן.

זיי זענען געלעגן נאַקעטע און האַלב־נאַקעטע איבער די וואַרשעווער גאַסן. נישט קיין מענטשן, נאָר ווייסטע געשפּענסטערס. דער טויט איז מיט זיי מיטגעגאַנגען אויף יעדן טריט און שריט. זיי האָבן געוויינט און געשריגן, געקלאָגט און געזונגען. אויף די טראָטואַרן, אין די רינשטאָקן, אויף די הייף — ווו ס'איז נאָר געווען ערגעץ אַ לאָך — זענען געווען בעטלערס — אַלטע און יונגע, פרויען און קינדער. דאָס רוב קינדער, קינדער, קינדער! אָנהייבנדיק ביי 3 יאָר און ענדיקנדיק ביי 15, 16.

זיי האָבן אַליין פאַרפאַסט קלאָגלידער און קלאָגגעזאַנגען. די קלאָגלידער האָבן זיך אויף פאַרשידענע קולות געטראָגן פון אין דער פרי ביז ביי נאַכט פון איין גאַס אין דער אַנדערער אַריין, פון איין הויף אין אַנדערן, פון איין שטוב צו דער אַנדערער.

בלוט האָט זיך געגאָסן פון יעדן ערלעכן מענטש, ווען מען איז דורכגעגאַנגען די גאַס און געזען וואָס די היטלעריסטישע מערדערס האָבן געמאַכט פון אונדזער פאָלק. נישט אַלע זענען געווען פּראָפעסיאָנעלע בעטלערס. דער הונגער, די נויט, דער עלנט, האָט טויזנט און צענדליקער טויזנטער משפּחות געברענגט צו דער דאָזיקער טרויעריקער מדרגה. די בעל־טובות אונדזערע, די כלל־טוערס, די עסקנים, האָבן געפרעסן און געזויפט. פאַרשווענדעריש געשיט מיט געלט אין פאַרדעכטיקע נאַכטלאָקאַלן, אַרומגעשלעפּט זיך מיט זונות, מיט וועלכע דאָס געטאָ האָט געווימלט — און די בעטלערס זענען געפאַלן ווי פליגן. געלעגן אין די גאַסן טויטערהייט עטלעכע טעג צוגעדעקט מיט פּאַפּיר ביז מען האָט זיי אויפגערוימט. דאָס שרעקלעכסטע זענען געווען די טויטע קינדער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן ווי געהרגעטע קעץ.

צו זיי, צו די בעטלערס הייסט עס, האָט זיך אויפן צווייטן, צי אויפן דריטן טאָג פון גירוש גענומען די ייִדישע פּאָליציי. מען האָט זיי געכאַפּט אין די גאַסן, ווי מען כאַפּט הינט. נאָכגעיאָגט זיי, ווי דער הינטשלעגער יאָגט נאָך זיינע קרבנות. זיי האָבן זיך געפּרוווט אויסבאַהאַלטן אין די חורבות פון די באָמבאַרדירטע הייזער, אין די אָפּטריטן, אין די מיסטקאַסטנס, אין די קוימענס אויף די דעכער, אָבער דער הונגער איז געווען שטאַרקער פון זיי. ער האָט זיי אַרויסגעטריבן אין די גאַסן אַריין, און דאָ האָט שוין געוואַרט אויף זיי דעם „פּולקאָווניק" שערינסקיס באַנדע. מען האָט זיי אַרויפגעוואָרפן אויף די תליה־וועגענער, ווי מען וואַרפט אַרויף געשטאָרבענע נבלות. דערביי געשלאָגן און געממתט.

דאָס אַלץ איז געגאַנגען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ.

זעקס טויזנט ייִדן אַ טאָג, האָבן זיך די היטלעריסטישע הינטשלעגערס געהייסן צושטעלן. און דער פּאַן „פּולקאָווניק" שערינסקי צוזאַמען מיט לעיקין און שמערלינגען האָבן זיך אונטערגענומען צוצושטעלן נישט זעקס, נאָר גאַנצע צען טויזנט אַ טאָג.

אַ ווילד אַכזריותדיק געיעג, עפּעס אַ משוגענער שדים־טאַנץ, וואָס מען קאָן עס גאָרנישט איבערגעבן מיט מענטשלעכע ווערטער. אַצינד איז עס געמאַכט געוואָרן אויף אַן אַנדערן אופן: פון איין זייט האָט מען געכאַפּט אין די גאַסן, און פון דער אַנדערער זייט האָט מען גענומען אָפּשליסן גאַנצע גאַסן און בלאָקירן הייזער. פאַר טאָג האָט עס זיך אָנגעהויבן, עס זאָל קיינער נישט האָבן קיין צייט אַרויסצוראַטעווען זיך.

אָט איז אַ בילד: די גאַנצע גאַס איז טויט. אַלץ ליגט ערגעץ ווו באַהאַלטן, פאַרמאַכט און פאַרשטיקט. אַלץ וואַרט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, מיט טויטשרעק אין די אויגן אויפן פינצטערן גזר, וואָס איז אויסגעגאָסן געוואָרן. און פּלוצלינג אַ ווילדער געשריי, אַ געפּיפּעריי און אַ יאָגעניש.

דאָס זענען די ייִדישע הינט אַריינגעפאַלן אין אַ הויף, ווי טשינגיס־כאַנס האָרדעס, און מיט ווילדע, שכורע קולות גענומען שרייען, אַז אַלע איינוווינערס זאָלן אַראָפּגיין אויפן הויף. אַלע — יונג און אַלט, גרויס און קליין, אָרעם און רייך. מען זאָל זיך שטעלן איינער אונטערן אַנדערן, לויט דער ריי, וועט מען נאָכזען זייערע דאָקומענטן. ווער ס'האָט די דאָקומענטן אין אָרדענונג, דער וועט בלייבן אויפן אָרט.

בלויז מיט געשרייען און מיט פּיפּעריי האָבן זיי זיך נישט באַנוגנט, די ייִדישע געסטאַפּאָ־לייט, זיי זענען געלאָפן איבער אַלע שטאָקן, אַרויסגעשלעפּט פון די שטיבער, אַראָפּגעשלעפּט פון די בוידעמער, פון די קעלערס און... אָנגעהויבן האַנדלען. פאַר געלט האָט מען זיך געקאָנט אויסקויפן. אין די ערשטע טעג איז דער פּרייז פון אַ „קאָפּ" געווען פון 50 ביז 100 זל.

שפּעטער האָט עס געשטיגן אויף 500 זל. דערנאָך אויף טויזנט און היינט, ווען איך שרייב די שורות, קאָסט שוין אַ „קאָפּ" פינף טויזנט זלאָטעס. אַנדערע ווילן אין גאַנצן נישט קיין געלט. זיי פאַרלאַנגען — בריליאַנטן, גאָלדענע דאָלאַרס און דעסגלייכן. די דאָזיקע רייכע זינדלעך האָבן שוין היינט אַזוי פיל אָנגעראַבירט און אָנגעגנבעט, אַז קיין קלענערע מטבע ווי פינף הונדערט זלאָטעס איז ביי זיי נישטאָ.

אָט איז אַ סצענע, ווי אַזוי דאָס כאַפּעניש און יאָגעניש איז פאָרגעקומען.

נישט אַלע איינוווינערס האָבן געוואָלט פאַרלאָזן די שטובן. ווער ס'האָט זיך פאַרריגלט, ווער ס'האָט זיך באַהאַלטן און ווער ס'האָט זיך דורכן בוידעם אַרויפגעקריגן אויפן דאַך. צווישן די, וואָס האָבן זיך אַרויפגעקריגן אויפן דאַך איז אויך נאַוואָליפּיע־

נאָך אויך געווען אַ יונגע פרוי. די פּאָליציאַנטן האָבן זי באַמערקט. האָט איינעם דאָס האַרץ נישט געלאָזט רוען און ער האָט דווקא געוואָלט ברענגען פאַר אַ קרבן אויף היטלערס מזבח. ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ הייליקן חוב, היטלער האָט באַפוילן אויסצומאָרדן ייִדן דורך ייִדישע הענט — מוז עס אַ ייִדישער פּאָליציאַנט מקיים זײַן.

האָט ער זיך געלאָזט לויפן פון איין שטאָק אויפן אַנדערן, אַרויף אויפן בוידעם, פון בוידעם — אויפן דאַך און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף אויף לעבן און אויף טויט צווישן דעם פּאָליציאַנט און דער יונגער פרוי.

דער דאַך איז שיף. דאָס הויז האַלט פיר שטאָק. די זון ברענט. די בלעך בריט. דער פּאָליציאַנט האָט נישט קיין געווער (קיין רעוואָלווערן האָט זיי היטלער נישט געגעבן), ער האָט בלויז אַ גומענעם שטעקן. מיטן דאָזיקן שטעקן פאַרמעסט ער זיך אויף דער פרוי. ער שרײַט זי זאָל אַראָפּגיין. ער וועט זי דאָ דערהרגענען אויפן דאַך.

— קאָנסט מיך דערהרגענען — ענטפערט די פרוי — און אַראָפּגיין וועל איך נישט.

ער שאַרט זיך צו איר. ער כאַפּט זי אָן. עס דאַכט זיך, אַז דער דאַך איז שיפער געוואָרן. און איין מינוט קאָנען ביידע ליגן אויפן ברוק מיט צעשמעטערטע געהירן. די פרוי איז גרייט אויפצונעמען דעם טויט. אָבער מיטן גוטן ווילן וועט זי פון דאַך נישט אַראָפּגיין. דעם „געטרײַען" פּאָליציאַנט איז אויך אַ שאָד דאָס לעבן. ער זידלט און שעלט. ער שפּײַט מיט דער גרינער גאַל. אָבער פון דאַך אַראָפּנעמען דעם קרבן זײַנעם קאָן ער נישט.

דאָס ווילדסטע ראַנגלעניש האָט געדויערט איבער אַ שעה. אונטן, אויפן הויף, האָבן די חברים זײַנע דערווײַל אויסגערוימט דאָס גאַנצע הויז. ווער ס'האָט געהאַט געלט האָט זיך אויסגעקויפט, ווער ס'האָט נישט געהאַט קיין געלט האָט געמוזט אַרויף אויפן תליה־וואָגן. דאָס הויז איז געוואָרן וויסט און ליידיק. פון די אַרויסגערוימטע שטובן האָט געיאָגט מיט אומגליק און מיט עלנט. אַ קינד האָט זיך באַהאַלטן — האָט מען אוועקגעריסן די מאַמע. אַ מאַמע האָט זיך ערגעץ ווו פאַרשטעקט, האָט מען אוועקגעריסן דאָס קינד. די מאַמע לויפט אַרום משוגענערהייט. זי פליקט די האָר פון קאָפּ. ס'איז איר איבערגעבליבן אַ ליידיק וויגל. די פרוי פון דאַך איז שוין אַצינד אויפן הויף. זי האָט זיך דערווײַל אָפּגעראַטעוועט, אָבער איר טאַטן האָט מען צוגענומען, איר מאַמע האָט געקריגן אַ האַרצשלאַק און ליגט אַ טויטע.

און וואָס האָבן די ייִדישע באַנדיטן געוואָלט פון אַ גרײַז־גרויען ייִד, וואָס האָט קוים געשלעפּט מיט די פיס און קוים געאָטעמט?

זיי האָבן אים אַרויסגעשלעפּט צוזאַמען מיטן ווײַב — אַ צעבראָכענעם שאַרבן. דער ייִד, אויפן ערשטן בליק ענלעך צו אַ דין — האָט נישט באַוויזן אָנצוטאָן דאָס היטל. ער איז געגאַנגען אין אַ קאַפּל — טויט ווי די וואַנט, הענט און פיס האָבן געציטערט. דאָס ווײַב האָט מען געמוזט טראָגן. זי איז געלעגן, ווי אַ געשטאָרבענע, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַראָפּ. דער גרײַז־גרויער ייִד האָט נישט געקאָנט גיין. האָט אַ ייִדישער מנוול אים געשלאָגן איבערן קאָפּ מיט אַ גומענעם שטעקן. מערדערלעך געשלאָגן, געשטופּט, געוואָרפן פון איין ווינקל אין אַנדערן אַרײַן און סוף־כל־סוף געמוזט אים אַרויפזעצן אויף אַ ריקשע. אויף דער ריקשע האָט דער אַלטער דין אויסגעהויכט די נשמה. ער איז געבליבן ליגן אין מיטן גאַס, ווי אַ הרוג. מרדכי פּינקערטס עגלה־וואָגן האָט אים צוגענומען. די עגלה־ייִדן, וואָס זייער אַרבעט איז געווען צו באַזוכן די דערשאָסענע

און צוצונעמען וואָס דער קרבן האָט פאַרמאָגט, האָבן דאָס מאָל די אונטערזוכונג נישט געמאַכט. זיי האָבן שוין דערקאָנט, אַז דער דערהרגעטער איז געווען אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס און ס'האָט נישט געלוינט אײַנצוריסן זיך די הענט.

אויף אַן אַנדער אָרט איז אַ פרוי געפאַלן אין חלשות. האָט דער מערדערישער פּאָליציאַנט זי געמינטערט מיט וואַסער. אָפּגעמינטערט און ווײַטער זי געפירט. עטלעכע מאָל האָט די פרוי געחלשט. דער פּאָליציאַנט איז נישט אָפּגעטרעטן. געמינטערט, געשלאָגן, ביז ער האָט זי דערפירט אויפן אומשלאַגפּלאַץ און איבערגעגעבן זי אין די הענט פון די דײַטשע תלינים.

דאָס זענען עטלעכע קליינע בילדלעך פון דעם ווילדסטן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דאָס וואַרשעווער ייִדנטום. די, וועמען דאָס אומגליק האָט נאָך נישט געטראָפן, בעטן אויף דער נאַכט. זאָל זי שוין צופאַלן, די נאַכט. זאָל מען זיך אַ ביסל אָפּרוען, זאָל מען כאַפּן דעם אָטעם, ווײַל מאָרגן 5 אַ זייגער אין דער פרי הייבט זיך אָן אַ נײַער תשעה־באב און אַ נײַער יום־כפּור.

און אָט איז געקומען דער פרימאָרגן דער דריטער, צי דער צענטער, וואָס איז די נפקא־מינא? און שוין טראָגט זיך איבער אַלע הײַזער די בשורה, אַז אויף קאַרמעליצקע קאָן מען נישט גיין, די לעשנע איז בלאָקירט, די נאָוואָליפּיע פאַרמאַכט. הײַנט האָבן די דײַטשן פאַרלאַנגט מען זאָל זיי צושטעלן גאַנצע צען טויזנט ייִדישע קעפּ.

אַלע צוויי טויזנט פּאָליציאַנטן האָבן זיך מאָביליזירט. יעדער איינער האָט געקריגן אַ באַפעל צוצושטעלן פינף קרבנות.

האָט מען געדאַרפט זען, וואָס ס'איז פון די ייִדישע פּאָליציאַנטן געוואָרן. מוז זײַן, אַז זיי זענען משוגע געוואָרן. ווײַל אַזאַ ווילדקייט, אַזאַ אכזריות זעט מען נישט אפילו בײַ די גרעסטע רוצחים. עס העלפט נישט קיין געוויינען, עס העלפן נישט קיין געשרייען. מאַמעס קושן די טריט פון די באַנדיטן און ווילן ראַטעווען זייערע קינדער. אָבער די באַנדיטן ווייסן שוין אַליין נישט יואָס עס טוט זיך מיט זיי. זיי שלעפּן קראַנקע פון די בעטן, וואַרפן קינדער פון וויגן. אַלטע לײַט פירט מען אויף וועגעלעך. מען יאָגט, מען טרײַבט, מען שלאָגט מכת רצח.

איז דאָס נאָך אַלץ ווייניק, האַקט מען אויף פאַרמאַכטע שטובן מיט העק און מיט האַמערס.

בלוט האָט גערונען פון יעדן איינציקן, ווען ער האָט צוגעזען, ווי די ייִדישע באַנדיטן זענען געגאַנגען אָנגעלאָדן מיט העק, אַזוי ווי די קײַלער־יונגען, מיט האַמערס, מיט שליסלען. נישטאָ קיין איין שטוב אין געטאָ, ווו די ייִדישע באַנדיטן זאָל נישט האָבן אויפגעהאַקט די טיר. אויב זיי האָבן קיין מענטשן אין די פאַרמאַכטע שטובן נישט געפונען, האָבן זיי אויפגעריסן די שענק, די שופלאַדן און וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט האָט מען גערויבט.

אין די שפּעטערדיקע טעג האָבן דאָס אויך געטאָן די דײַטשע רוצחים צוזאַמען מיט די אוקראַיִנער באַנדיטן, וועמען מען האָט גענומען צו הילף.

וויסט און שרעקלעך זעען אויס די שטיבער, פון וואַנען מען האָט אַרויסגעפירט די קרבנות. אויב מען זאָל עס אָנרופן — פּאָגראָם — וועט עס זײַן שוואַך, צו איידל.

פאַרניכטונג, אונטערגאַנג, דורות מענטשלעך לעבן וואַלגערט זיך אין די אויפגעפּליקטע איבערבעטן, אין די צעהאַקטע שענק, אין די צעטרעטענע קישנס, אין די שטיקער מעבל, וואָס פון יעדן

אבער וויינט ארויס פּײַן און געשריי. אין די ליידיקע וויגן, אין די אָפּגעשיילטע ווענט, אין די פּיאַנעס, וואָס מען האָט געוואָרפן פון די פענצטער, אין די וויסטע, ליידיקע טעפּ, חורבן, אומקום.

מען פאַרקריצט מיט די ציין און מען קאָן זיך גאָרנישט העלפן.

אָבער פרעגן מוז מען דאָך: געוואַלד געשריגן, ווּ האָבן זיך די דאָזיקע יונגעלײַט הערצווינן, פון וואַנען נעמט זיך די ייִדישע טאַטעס זין מיט אַזאַ מערדעריש בלוט, וועלכע ייִדישע מאַמעס האָבן זיי געזויגן? נישט אַנדערש, נאָר די טאַטעס זענען געווען רוצחים און די מאַמעס זונות.

מיט אַלע כוחות און מיטן גאַנצן האַרץ האָט זיך די ייִדישע פּאָליציי באַמיט צופרידן צו שטעלן דעם מערדערישן האַר, וואָס האָט געשוווירן אויסצוואָרצלען דאָס ייִדנטום.

ס'איז אָבער, ווײַזט אויס, געווען וויניק. די ייִדישע מערדערס האָבן נישט צוגעשטעלט דעם גאַנצן קאָנטינגענט, וואָס די היטלערס הינט האָבן פאַרלאַנגט. האָט זיך די געסטאַפּאָ אַליין מטריח געווען און אַרײַנגעמישט זיך אין ענין.

זי האָט גענומען צו הילף די אייגענע ייִדישע פּאָליציי מיט אַ צולאָג פון אוקראַיִנישע באַנדיטן... דאָס זענען די שוידערלעכסטע אויסוואָרפן, די העסלעכסטע קרעאַטורן. זיי האָט דאָס די געסטאַפּאָ גענומען צו הילף. מיט רעוואָלווערן און ביקסן, מיט נאַהײַקעס און בײַטשן — איז מען געקומען אין געטאָ אַרײַן מאַכן אָרדענונג.

און דאָ הייבט זיך אָן אַ נײַ קאַפּיטל, דאָס בלוטיקסטע קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון וואַרשעווער געטאָ.

אויב די ייִדישע פּאָליציאַנטן זענען געקומען אין די הייף אַרײַן מיט געשריי און פײַפערײַ, האָבן די דײַטשע רוצחים געגעבן צו וויסן וועגן זיך מיט אַ געשיסעריי פון רעוואָלווערן.

זיי צוזאַמען מיט די ייִדישע געסטאַפּאָ־לײַט, זענען אַרײַנגעפאַלן, ווי טײַוואָלאָנים, ווי ווילדע שטיקער פײַער, ווי אָנגעשכורטע חיות און נישט געשריגן האָבן זיי, נאָר געבילט, ווי משוגע־געוואָרענע הינט.

די דײַטשן זענען אין די שטובן אַרײַן נישט געגאַנגען, אויף בוידעמער נישט געזוכט, אין די קעלערן אַרײַן נישט אַראָפּגעלאָזט זיך. די דאָזיקע מלאכה האָבן אויסגעפירט די ייִדישע פּאָליציאַנטן צוזאַמען מיט...

די דײַטשע הינט האָבן בלויז געשאָסן און געשריגן. דאָס דאָזיקע ווילדע, שכורע געשריי איז אפשר געווען שרעקלעכער, ווי דאָס שיסערײַ. טירן האָבן זיך אַליין אויפגעפּראַלט. מענטשן, וואָס האָבן באַשלאָסן נישט צו רירן זיך פון אָרט, וויסנדיק אַז אַזוי אַרום וואַרט אויף זיי דער טויט, זענען אין דער לעצטער מינוט אויך ווילד און שכור געוואָרן. זיי זענען אַראָפּגעפאַלן נאַקעט און באָרוועס, אָן אַ שטיקל ברויט, אָן אַ ביסל וואַסער און איבערגעגעבן זיך אין די הענט פון ברווינעם מלאך־המות.

אויב אימעצער איז פּאַרט געווען מישובדיק און באַהאַלטן זיך, האָט די ייִדישע פּאָליציי געוווּסט פון אַלע באַהעלטענישן. זי האָט אויסגעזוכט און אויסגעפונען די באַהאַלטענע — דאָס רוב פרויען און קליינע קינדער — און אַזוי ווי שיסן האָט זי נישט געהאַט מיט וואָס, זענען איר צו הילף געקומען די אוקראַיִנישע מערדערס. אַ קויל אין קאָפּ אַרײַן און אָט פאַלט אַ מאַמע, אָט פאַלט אַ קינד. אָט פאַלט אַ טאַטע מיט אַ זון, און אָט פאַלט אַ זקן. דאָרט אַ יונג־בלײַענדיק מיידל — און אָט איז פול דאָס בעט מיט בלוט, ווּ ס'איז געלעגן אַ קראַנקע און נישט געקאָנט אויפהייבן זיך.

די שטוב און יענע שטוב, די צענטע און די הונדערטסטע שטוב גייט איבער פון בלוט און פון הרוגים. אויסער די אוקראַיִנישע באַנדיטן העלפן אויך צו די דײַטשע מערדערס. מען האַקט טירן. מען רויבט, מען גזלט, מען רײַסט אויף איבערבעטן, מען טרעט אויף הרוגים — אַלע צוזאַמען טוען די שיינע אַרבעט: די דײַטשן, די אוקראַיִנער און אונדזערע אייגענע ברידער, אַז אָך און ווי צו די מאַמעס וואָס האָבן זיי אויסגעטראָגן.

ס'איז שוין דער צענטער, דער צוואַנציקסטער טאָג און די מגפה בושעוועט מיט יעדן טאָג שטאַרקער, מיט יעדן טאָג אַכזריות־דיקער. ס'איז נישטאָ קיין שום אײַנזען, קיין שום רחמנות. אַלע אַנדערן טאָג באַווײַזט זיך אויף די מויערן אַ פרישער פּלאַקאַט, אונטערגעשריבן דורך דער לייטונג פון דער ייִדישער פּאָליציי, אַז די אַקציע (אַזוי האָט עס געהייסן) דויערט ווײַטער. זאָל מען נישט, חלילה, מיינען, אַז דאָס אומגליק האָט זיך אָפּגעשטעלט. די ייִדישע פּאָליציי גיט צו וויסן, אַז אויב עמעצער וועט זיך מעלדן פרײַוויליק אויפן אומשלאַגפּלאַץ, וועט ער קריגן בחינם דרײַ קילאָ ברויט און ער וועט נישט צעשיידט ווערן מיט דער משפּחה.

אַ סך, וואָס זענען געווען באַהאַלטן און דער הונגער האָט זיי געפּײַניקט, אַנדערע ווידער, וואָס האָבן שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן, האָבן פאַרפּאַקט אַ העמד, אַ האַנטעך, אַ בערשטל צו די ציין און מיט ווײַב און קינד איבערגעגעבן זיך די שוחטים.

אויפן אומשלאַגפּלאַץ, אויפן דאָזיקן גיהנם וועגן וועלכן ס'וועט מיר ווײַטער אויסקומען צו דערציילן, האָט מען דעם און יענעם די דרײַ קילאָ ברויט געגעבן, אָבער באַלד אויפן אָרט האָט מען אוועקגעריסן דעם מאַן פון ווײַב, דאָס קינד פון דער מאַמען, די שוועסטער פון ברודער — געטאָן האָט מען עס מיט אַ געשיסערײַ, פון וואָס עס זענען געפאַלן מענטשן ווי פליגן. מיט אַ ווילד שמײַסן — האָט מען די מאַמע פאַרלאַדעוועט אין איין וואַגן אַרײַן און דאָס קינד אין אַנדערן. אָדער מען האָט דאָס קינד פאַרלאַדעוועט אָן דעם טאַטן, אָדער די מאַמע איבערגעלאָזט וואַרטן אויף אַ צווייטן צוג.

יעדן טאָג האָט מען אוועקגעשיקט פון פינף ביז צען טויזנט מענטשן. וווּהין מען האָט זיי געשיקט ווייסט קיינער נישט. ביזן הײַנטיקן טאָג איז נישט אָנגעקומען קיין שום ידיעה פון די אומגליקלעכע. דאָ און דאָרט גיט מען זיך איבער, אַז אַלעמען לײַט וואַרפט מען אַראָפּ אין מיטן וועג און אָדער זיי ווערן אַליין דערהרגעט, אָדער מען שיסט זיי אויס. קינדער ברענגט מען אום מיט גאַזן אָדער מיטן עלעקטרישן שטראָם.

פאַר די דײַטשע תלינים איז דאָס אָבער נאָך אַלץ וויניק.

די ייִדישע גזע מוז אויסגעראָטן ווערן ביזן וואָרצל, ביזן ביין. עס טאָר נישט בלײַבן פון איר דאָס מינדסטע. און מיטלען דערצו האָבן די היטלעריסטישע הינט אַ סך. אויסטערלישע מיטלען, שרעקלעכע מיטלען, וואָס קיין שום אינקוויזיציע האָט פון זיי אפילו נישט געחלומט.

אָט הערט: דאָס וואַרשעווער געטאָ האָט זיך געטיילט אויף צוויי טיילן: אויפן גרויסן געטאָ, ד"ה אויפן לעשנער־נאַלעווקעס־ראַיאָן — און אויפן קליינעם געטאָ — ד"ה אויפן ראַיאָן פון טוואַרדע־גאַס.

אין קליינעם געטאָ האָבן געוווינט אַן ערך פון הונדערט ביז

הונדערט פינף און צוואַנציק טויזנט ייִדן. זיי זענען געווען צוזאַמענגענומען אויף איין אָרט און אומברענגען זיי איז פאַר די פרײַסישע הינט נישט געווען פון די שווערע זאַכן. איז נאָך דעם, ווי מען האָט שוין געהאַט דאָרט אויסגערוימט און אומגעברענגט אַ פופציק אָדער זעכציק טויזנט ייִדן — איז אַרויס אַ באַפעל, אַז ביז מאָרגן 6 אַ זייגער אין דער פרי מוזן אַלע ייִדן פאַרלאָזן דאָס קליינע געטאָ. די טירן פון די שטובן מוזן בלײַבן אָפן. יעדער ייִד, וואָס וועט בלײַבן אין קליינעם געטאָ נאָך 6 אַ זייגער אין דער פרי, וועט דערשאָסן ווערן.

דער פּלאַקאַט איז געווען אונטערגעשריבן דורך דעם ייִדישן ראַט, ד"ה דורך דער ייִדישער קהילה.

אַגב מוז דאָ באַמערקט ווערן, אַז אָנהייבנדיק פון 22טן יולי 1942, זענען אַלע פּלאַקאַטן, אַלע גזרות, אונטערגעשריבן געוואָרן אָדער דורך דעם ייִדישן ראַט, אָדער דורך דער לייטונג פון דער ייִדישער פּאָליציי. די דײַטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט נישט אונטערגעשריבן קיין איין פּלאַקאַט, קיין איין פאַראָרדענונג. די היטלעריסטישע הינט, וויסנדיק אַז סוף־כל־סוף וועט קומען אויף זיי אַ שוואַרצער מישפּט, האָבן נישט געוואָלט איבערלאָזן נאָך זיך קיין שריפטלעכע סימנים. זאָל מען שפּעטער זען, אַז נישט זיי האָבן דורכגעפירט דעם וויסטן גירוש, נאָר די ייִדישע קהילה אַליין.

דאָס איז אויך איינס פון די מערדערישע, ראַפינירטע מיטלען, מיט וואָס די משוגענע בעסטיע — היטלער, באַנוצט זיך.

איז ווען די גזרה האָט זיך באַוויזן אויף די מויערן האָט געקאָנט זײַן אַרום 6 אַ זייגער פאַר נאַכט. גיין אין גאַס האָט מען געמעגט נאָר ביז 9 אין אָוונט. פאַר פינף אין דער פרי האָט מען זיך אויך נישט געטאָרט באַווײַזן אין גאַס — איז ווען זאָל מען זיך אַרויסציִען? און וווּהין זאָל מען זיך ציִען? מען דאַרף עפּעס מיטנעמען אויך: אַ קישן, אַ העמד... אַ ברויט... און וואָס טוט מען מיט די רעשט זאַכן? אָנגעהאָרעוועט אַ לעבן און איצט איבערלאָזן אַלץ אויף הפקר?!

די גרעסטע שׂרפה מאַכט נישט אָן אַזאַ חורבן, אַזאַ פאַרוויסטונג, ווי ס'האָט אָנגעמאַכט די דאָזיקע שוואַרצע גזרה.

אויב איך וועל זאָגן אַז די מענטשן זענען ווילד געוואָרן, וועט עס זײַן צו שוואַך געזאָגט. ערגער ווי חיות זענען זיי געוואָרן, ערגער ווי משוגענע קעץ. אַ זון האָט געשאָלטן און געשלאָגן אַ טאַטן, אַ מאַמע האָט געוואָרפן איר קינד פון פענצטער, איר אויסגעטראָגן און אויסגעוויינט קינד. און אַליין זיך מיטגעוואָרפן. איינער בײַם אַנדערן האָט גערויבט, איינער דעם אַנדערן האָט געוואָלט אומברענגען. מען האָט געלאָזט ליגן קראַנקע קינדער און מען איז אַנטלאָפן. מען האָט געלאָזט ליגן גוססדיקע מאַמעס און מען איז אַנטלאָפן. קינדער האָבן געברענגט סם פאַר זייערע אייגענע אַלטע טאַטע־מאַמע, די טאַטע־מאַמע זענען דאַנקבאַר געווען די קינדער, ווי מען איז דאַנקבאַר פאַר דער טײַערסטער מתנה.

יעדער איינער האָט עפּעס געוואָלט מיטנעמען, מיטכאַפּן. און וואָס מער מען האָט געוואָלט כאַפּן, מער האָט מען איבערגעלאָזט. מען האָט אַלץ איבערגעלאָזט: שווערע פּראַצע און ביטערן שווייס, וואָס מען האָט אויסגעהאָרעוועט אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן, און אפשר גאָר פון הונדערטער יאָרן. יעדעס חפץ, יעדער קלייניקייט אין שטוב איז געווען טײַער. ס'האָט דערמאָנט אין זיידעס, אין טאַטעס, אין דורות גאַנצע, וואָס האָבן געהאַט דאָס מזל אַ ביסל אַנדערש צו לעבן.

ביז 9 אַ זייגער אין אָוונט איז נאָך פאַרבליבן אַ שעה אָנדערט־האַלבן: מען האָט נאָך געקאָנט עפּעס אָפּראַטעווען. אָבער די מענטשן האָבן שוין גענומען לויפן — וווּהין? דערווײַל אין גרויסן געטאָ אַרײַן: צו קרובים, צו באַקאַנטע, גלאַט אין פרעמדע הײַזער אַרײַן, איבערצונעכטיקן אין הויף, אויף די שטיגן, אין טויער.

מחנות מענטשן מיט משוגענע אויגן, מיט ווילדע פּנימער זענען געלאָפן, ווי אונטערגעצונדענע, ווי געיאָגטע פון אַ פינצטערער מגפה.

איז דאָס אַלץ נאָך קנאַפּ געווען. די היטלעריסטישע הינט האָבן נישט פאַרגונען, די ייִדן זאָלן גלאַט אַזוי לויפן. דאָס וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט דאָס גאַנצע האָב און גוטס — דאָס איז גאָרנישט. אַזוי גרינג וועט זיי דאָס לויפן נישט אָנקומען. מען דאַרף זיי ווײַזן, די פאַרשאָלטענע ייִדן, ווי אַזוי צו לויפן.

האָט זיך פון איין זײַט אָנגעהויבן אַ שיסערײַ אויף די לויפנדיקע און פון דער צווייטער זײַט אַ ווילד געיעג. ווער ס'איז נישט געפאַלן פון דער היטלעריסטישער קויל, דער איז געכאַפּט געוואָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ. די יללות און די קלאָגן זענען געגאַנגען עד לב השמים. די הימלען האָבן געשוויגן און ווי אויף להכעיס אויסגעלײַטערט. צוגעקוקט זיך ווי אַזוי מענטשן אין געשטאַלט פון ווילדע חיות יאָגן און שיסן אויף אַנדערע מענטשן, אומשולדיקע, געטריבענע פון פּײַן, פון שרעק, פון משוגעת.

די קויל איז בלינד, זי לויפט און טרעפט. האַלט אַ מאַמע אַ קינד — פאַלט די מאַמע און דאָס קינד קלאָגט אַ יאָמערלעכע קלאָג. אָט פאַלט אַ קינד און די מאַמע ווערט נישט משוגע און לויפט ווײַטער. אַ טאָכטער לאָזט איבער אַ דערשאָסענעם טאַטן און וויל ראַטעווען איר אייגן לעבן. אַ מאַן וויל ראַטעווען אַ ווײַב און אין דער לעצטער מינוט גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט און לויפט. אַזוי טוט אויך אַ ווײַב, אַזוי טוט אויך אַ שוועסטער, אַ ברודער — ס'איז הפקר געוואָרן דאָס אייגענע בלוט, מכל־שכן דאָס בלוט פון אַ שכן, פון אַ פרײַנד און אַוודאי פון אַ פרעמדן.

בײַ דער געלעגנהייט זאָל דאָ דערציילט ווערן וועגן איין געשעניש, וואָס פון איין זײַט ווערט דערפון דאָס בלוט פאַרקילט אין די אָדערן און פון דער אַנדערער זײַט איז עס אַ שטיקל טרייסט, אַז דאָס פּינטעלע מענטש איז נאָך נישט בײַ אַלעמען אויסגעלאָשן געוואָרן.

אויף שענגע־גאַס נומ' 16, אויף איינער פון די גאַסן אין קליינעם געטאָ, האָט זיך געפונען אַ יתומים־הויז, אָנגעפירט פון באַקאַנטן פּויליש־ייִדישן שריפטשטעלער יאַנוש קאָרטשאַק.

יאַנוש קאָרטשאַק (אַ ייִד — זײַן אמתער נאָמען איז גאָלדשמידט) — אַליין אַ מעדיצינער, האָט זײַן גאַנץ לעבן געווידמעט דער דערציִונג פון קינדער. ער האָט געשריבן פּרעכטיקע ביכער וועגן קינדער און פאַר קינדער. ער האָט געהיילט קינדער און איז אויך געווען דער גײַסטיקער מנהיג פון יתומים־הויז אויף קראָכמאַלנע, וואָס האָט געשמט נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר אין גאַנץ פּוילן.

אויפשרײַבן די ווונדערלעכע לעבנס־געשיכטע פון יאַנוש קאָרטשאַק, פון דאָזיקן אידעלן מאַן און פּרעכטיקן שרײַבער, וואָלט באַדאַרפט פאַרנעמען אַ גאַנץ בוך. נישט דאָ איז דאָס אָרט און נישט איצט איז די צײַט. איך וויל בלויז דערמאָנען, אַז אין די גרעסטע געפאַרן, ווען ס'האָט אים פּערזענלעך געדראָט אומקום פון די דײַטשע הינט, האָט ער זײַן יתומים־הויז נישט פאַרלאָזט און געבליבן מיט די קינדער.

ווען היטלער, ימח שמו וזכרו, האָט אײַנגעפירט אין וואַרשע

אַ געטאָ, איז קאָרטשאַקס יתומים־הויז איבערגעטראָגן געוואָרן אויף שעננע 16. דאָ האָט ער ווײַטער געפירט זײַן שיינע אַרבעט און דאָ איז ער אויך געפאַלן צוזאַמען מיט די קינדער.

אַן ערך פון צוויי הונדערט קינדער, קלײַנוואַרגעוואַקסענע יתומים, האָבן זיך דערצויגן אין דאָזיקן הויז. וואַרשע האָט געהונגערט, אָבער קאָרטשאַק האָט פאַר זײַנע קינדער געקראָגן שפּײַז פון אונטער דער ערד. זיי זענען געווען געצוואָגן און געוואַשן, ריין אָנגעטאָן, געגעסן צו דער זעט, געשלאָפן אויף ריינע געלעגערס, און פּונקט ווי אַלע ייִדן — גערעכנט, אַז מען וועט דעם משוגענעם דײַטשן הונט איבערלעבן און זען זײַן וויסטע מפּלה.

איז געפאַלן דער פינצטערער גזר וועגן אַרויסשיקן אַלע ייִדן פון וואַרשע, און די ערשטע קרבנות זענען געווען די אומשולדיקסטע פון אַלע אומשולדיקע, די קינדער.

יאַנוש קאָרטשאַק האָט זיך אויף דעם אומגליק געריכט. עס זענען אָנגעקומען ידיעות פון אַנדערע קינדער־אינטערנאַטן, ווו מען האָט אויסגערוימט אַלע קינדער און אָן השגחה, אָן טאַטן און אָן מאַמען — אָן אַ ביסל וואַסער און אָן אַ שטיקל ברויט — אַוועקגעפירט אויפן אומשלאַגפּלאַץ און פון דאָרט צום טויט. אַלע קינדער זענען אויפן וועג (מען ווײַזט אָן אויף דעם שטראָפּלאַגער — טרעבלינקע) אומגעבראַכט געוואָרן דורך פאַרסמען מיט גאַזן, אָדער דורכן עלעקטרישן שטראָם.

יאַנוש קאָרטשאַק האָט זײַנע צוויי הונדערט קינדער נישט געוואָלט איבערלאָזן אויף הפקר. ער האָט זיך אויך נישט באַהאַלטן אָדער אַנטלאָפן, ווי ס'האָבן געטאָן אַנדערע פירערס פון די קינדער־אינטערנאַטן. מיט אַ טאָג צי מיט צוויי טעג פריִער, איידער די בלאָקאַדע אויף שעננע 16 האָט זיך אָנגעהויבן, האָט ער געהייסן אַלע קינדער זיי זאָלן זיך אָרומוואַשן פון קאָפּ ביז די פיס, אָנטאָן קלאָרע יאַקעלעך און העמדלעך. יעדער קינד האָט געהאַט אַ טאָרבעלע אויף ברויט און אַ פלעשל וואַסער.

ס'איז נישט באַקאַנט צי ער האָט געזאָגט די קינדער אויף וואָס זיי דאַרפן גרייט זײַן און וווּהין מען גייט זיי פירן. ס'איז בלויז באַוווּסט, אַז ווען די דײַטשע קינדער־מערדערס זענען באַפאַלן דאָס הויז שעננע 16, זענען סײַ יאַנוש קאָרטשאַק, סײַ אייניקע שוועסטערס, וואָס האָבן געאַרבעט אין יתומים־הויז, און סײַ די צוויי הונדערט קינדער, געשטאַנען גרייט אויפצונעמען דעם טויט.

איך מוז נאָך אַ מאָל איבערחזרן דאָס באַנאַלע וואָרט, אַז ס'איז נישטאָ די פעדער וואָס זאָל קאָנען באַשרײַבן דאָס דאָזיקע שוידערלעכע בילד און ס'איז נישטאָ דער קלאָנגער וואָס זאָל באַקלאָגן די דאָזיקע בראָך.

די היטלעריסטישע קינדער־מערדערס זענען אַרײַנגעפאַלן מיט אַ ווילד שיסערײַ. צוויי הונדערט קינער, צוויי הונדערט שפּראָצנדיקע לעבנס זענען געשטאַנען אין טויטשרעק, אַז אָט־אָט שיסט מען זיי אויס, ביז איינעם.

און ס'איז עפּעס אַ וווּנדערלעכע זאַך: די צוויי הונדערט קינדער האָבן נישט געשריגן, די צום טויט־פאַרמישפּטע צוויי הונדערט אומשולדיקע נפשות האָבן נישט געוויינט. קיינס פון זיי איז נישט אַנטלאָפן, קיינס פון זיי האָט זיך נישט באַהאַלטן. זיי האָבן זיך בלויז געטוליעט ווי קראַנקע שוואַלבן צו זייער לערער און דערציִער, צו זייער טאַטן און ברודער, צו יאַנוש קאָרטשאַק, ער זאָל זיי היטן און שיצן.

ער איז געשטאַנען דער ערשטער. מיט זײַן דאַרן, צעבראָכענעם גוף האָט ער זיי פאַרשטעלט. די דײַטשע הינט האָבן דעם מינדסטן אײַנזען נישט געהאַט, אַ רעוואָלווער אין איין האַנט, אַ בײַטש אין דער צווייטער האַנט און אַ הינטישער ביל:

— מאַרש!

ווי צו די אויגן וואָס האָבן געהאַט דאָס פינצטערע מזל אָנצוקוקן דאָס דאָזיקע גרויזאַמע בילד.

יאַנוש קאָרטשאַק, אָן אַ הוט, אַרומגענומען מיט אַ לעדערנעם גאַרטל, אין שטיוול, אָן אײַנגעבויגענער, אָן אויסגעקרומטער, האַלט אַ קינד בײַ דער האַנט און גייט פאָרויס. עס גייען אויך עטלעכע שוועסטערס אין ווײַסע פאַרטעכער און נאָך זיי צוויי הונדערט פרישגעצוואָגענע קינדער, וועמען מען פירט צו דער עקדה.

די קינדער זענען אַרומגעצוימט פון אַלע זײַטן מיט דײַטשע, אוקראַיִנישע און אויך דאָס מאָל מיט ייִדישע פּאָליציאַנטן.

אין ייִדישן ראַט איז מען דערווײַל געוואָר געוואָרן וואָס עס קומט פאָר אויף שעננע 16. האָט מען אָנגעהויבן לויפן טעלעפאָנירן און געוואָלט ראַטעווען.

וועמען, מיינט איר, האָט די ייִדישע קהילה געוואָלט ראַטעווען? נישט די צוויי הונדערט קינדער, נאָר בלויז יאַנוש קאָרטשאַקן.

דער דאָזיקער גרויסער, איידעלער מאַן האָט שוין באַדאַנקט די לײַט פון דער ייִדישער קהילה, וואָס האָבן מקריב געווען אַלע ייִדן פון וואַרשע, און איז מיטגעגאַנגען מיט זײַנע קינדער אויפן אומשלאַגפּלאַץ.

די שטיינער פון ברוק האָבן געוויינט, זעענדיק די פּראָצעסיע. בלויז די היטלעריסטישע רוצחים האָבן געטריבן מיט די בײַטשן און יעדע פּאָר מינוט געשאָסן.

ביזן הײַנטיקן טאָג איז נישטאָ קיין שום סימן, ווו יאַנוש קאָרטשאַק מיט די צוויי הונדערט יתומים זענען אַהינגעקומען. לויט אַלע סימנים איז שוין נישט געבליבן פון זיי קיין שום געדעכעניש. זאָלן מײַנע פּאָר ווערטער זײַן די ראָשי פּרקים צו יענער בלוטיקער מגילה, וואָס הייסט יאַנוש קאָרטשאַק מיט זײַנע צוויי הונדערט קליינע תּלמידים.

מיט צוויי צי מיט דרײַ טעג שפּעטער נאָך דעם דאָזיקן שטיקל אַרבעט איז אַרויס די גזרה אָפּצורייניקן דאָס קליינע געטאָ אין גאַנצן פון ייִדן.

ווי כ'האָב שוין דערציילט, איז די וויסטע גזרה אַרויס אַרום זעקס אַ זייגער נאָך מיטאָג — זענען אין יענעם פּאָר נאַכט לויפנדיק אומגעקומען אויפן וועג עטלעכע טויזנט ייִדישע נפשות. קיינער ווייסט נישט ווו מען האָט זיי קובר געווען, קיינער זאָגט נישט נאָך זיי קיין קדיש.

און צו מאָרגנס 6 אַ זייגער אין דער פרי איז קיין איין ייִד נישט געבליבן אין קליינעם געטאָ.

וויסטע, ליידיקע גאַסן, אָנגעוואָרפענע מיט בעטגעוואַנט, מיט שטיקער מעבל, מיט שיסלען, מיט טעפּ, מיט מיסט און מיט פאַרגליווערט בלוט. וויסטע, ליידיקע הײַזער, אויפגעריסענע אָדער אָפּן געלאָזטע טירן. פון יעדער שטוב, וואָס איז נישט מער ווי אַ קופּע מיסט, ווײַנען אַרויס פאַרלוירענע לעבנס.

דער טויט גייט אַרום צוזאַמען מיט די דײַטשע און אוקראַיִנישע

רויבערס, וואָס שפּרייַזן איבער די חרוב געוואָרענע ייִדישע שטיבער און נישטערן און ראַבעווען און נעמען צו וואָס עס איז נאָר ווערט צוצונעמען.

דאָס קליינע געטאָ איז אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה אָפּגערוימט געוואָרן פון ייִדן: ווער ס'איז אומגעקומען גלייַך אויפן אָרט, וועמען מען האָט אַוועקגעפירט אויפן אומשלאַגפּלאַץ, ווער ס'האָט אַליין מיט זיך אַ סוף געמאַכט און וועמען ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן אין גרויסן געטאָ אַרייַן.

נישט געקוקט דערויף זענען אין קליינעם געטאָ נאָך אַלץ פאַרבליבן עטלעכע טויזנט ייִדן מיט זייערע משפחות. די דאָזיקע ייִדן האָבן זיך בייַ צייַטנס באַזאָרגט מיט אַרבעט אין אַ דייַטשער אונטערנעמונג, אָדער, ווי מען האָט די אונטערנעמונג גערופן, אין טעבענס' „שאָפּע", ווענן אָט די אונטערנעמונגען, אָדער שאָפּעס, וואָס די דייַטשן האָבן געשאַפן אין געטאָ, איז כדאַי צו דערציילן גענויער.

עטלעכע דייַטשע פירמעס, מיט אַזעלכע נעמען ווי: טעבענס, שולץ, אַשמאַן, האָפמאַן, שילינג, ברויער און אַנדערע, האָבן פאַרליגט אין געטאָ וואַרשטאַטן, ס'רוב פון שנייַדערייַ, שוסטערייַ, קירזשנערייַ און דעסגלייַכן. די וואַרשטאַטן האָבן געאַרבעט פאַרן דייַטשן מיליטער. און גערופן האָט מען זיי „שאָפּעס". איידער די בראָך פון גירוש האָט זיך נאָך אָנגעהויבן האָבן שוין אין די דאָזיקע „שאָפּעס" געאַרבעט ייִדישע שנייַדערס, שוסטערס, קירזשנערס א"אַ.

די ייִדישע אַרבעטערשאַפט, איידער אומצוקומען אין די גאַסן פון הונגער, איידער צו שטעלן זיך בעטלען, איידער געכאַפּט צו ווערן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן — האָט פאַר אַ פערטל ברויט אַ טאָג, פאַר אַ וואַסערדיקער זופּ מיט אַ צולאָג פון עטלעכע זלאָטעס פאַרקויפט היטלערן איר בלוט און שווייס. די ייִדישע אַרבעטערשאַפט, אַרויסגעטריבן פון אירע וואַרשטאַטן, עלנט און פאַרפּייַניקט, האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, און ווי ביטער ס'איז איר נישט געווען, האָט זי געמוזט אָנקומען נאָך אַ שטיקל ברויט צו די דייַטשן.

ייִדישע הענט האָבן צוועלף שעה אין טאָג גענייט און געשטעפּט מונדירן פאַר די היטלעריסטישע באַנדיטן. ייִדישע הענט האָבן פון די פוטערס, וואָס היטלער האָט צוגערויבט בייַ דער ייִדישער באַפעלקערונג אין מיטן ווינטער — גענייט טולופּלעך און קאַזשובעס פאַר די הונען, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן סאָוועטישן פראָנט.

אַ סך פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט איז סייַ ווי סייַ אומגעקומען פון הונגער און דחקות, פון אַ פערטל קילאָ ברויט אַ טאָג מיט אַ וואַסערדיקער זופּ קאָן אפילו אַ ייִדישער אַרבעטער אויך נישט לעבן. ס'איז אָבער אַלץ בעסער געווען ווי בעטלען אָדער פאַלן אין גאַס אָן אַ נאָמען און ווערן צוגעדעקט מיט אַ בויגן פּאַפּיר.

גלייַכצייַטיק האָבן זיך אין די דאָזיקע שאָפּעס אויך אַרייַנגעקריגן אונטערוועלט־מענטשן, וואָס זענען אין געטאָ געוואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, קאָמבינאַטאָרן, שאַנטאַזשיסטן. מיט דער הילף פון דייַטשע שאַנטאַזשיסטן, זענען די דאָזיקע פאַרשוינען געוואָרן אין די שאָפּעס מאַכערס, דירעקטאָרן, פירער און גוטער יאָר ווייסט וואָס נאָך.

אין די „נאָרמאַלע" צייַטן, ד"ה דעמאָלט ווען אין געטאָ האָבן געלעבט דרייַ הונדערט און פופציק טויזנט ייִדן, ווען 10 פּראָצענט אויפגעקומענע ווילע יונגען האָבן געפרעסן און געזויפט און פאַרדינט צו צען טויזנט זל. אַ טאָג — און די איבעריקע 90 פּראָצענט האָבן קוים געזשיפּעט, אין יענע צייַטן האָט מען זיך, פון דעסט וועגן, נישט געאייַלט אָנצוקומען אין די דייַטשע שאָפּעס אַרייַן. דער אָרעמאַן האָט זיך ווי עס איז געדרייט, האָט מען נישט געגעסן צו דער זעט, איז מען פאַרשניטן געוואָרן פון טיפוס, האָט מען געבעטלט; אָבער גיין אַרבעטן פאַר היטלערן, העלפן דעם מערדער, האָט דער רוב מנין ורוב בנין פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין וואַרשע נישט געוואָלט.

אָבער ווען ס'איז אַרויס די פינצטערע גזירה וועגן גירוש און ס'איז געזאָגט געוואָרן אין איר, אַז יענע ייִדן וואָס זענען פעיִק צו אַרבעטן ,וועלן נישט אַרויסגעשיקט ווערן, איבער הויפּט אַזעלכע, וואָס זענען באַשעפטיקט אין די שאָפּעס — איז געוואָרן אַ געלויף אין די היטלעריסטישע וואַרשטאַטן אַרייַן. ייִדן סוחרים, בעל־מלאכות, ליידיק־גייערס — אַלץ וואָס האָט געהאַט הענט און פיס און אַ בייַטל מיט געלט איז געלאָפן אַרבעטן צום דייַטש. אַלע זענען מיט אַ מאָל געוואָרן שנייַדערס, שוסטערס, קירזשנערס.

צוזאַמען מיט הענדלערס פון לעבעדיקער סחורה, צוזאַמען מיט גנבים, קאַסע־ברעכערס און זונות האָבן זיך אין די שאָפּעס אַרייַן אויך געשטעלט אָנגעזעענע כלל־טוערס, אונדזערע פאַרזאָרגערס, אונדזערע דעה־זאָגערס. ביז אַהער האָבן זיי זיך געפּאַשעט די בייַכער. געלעבט, ווי גאָט אין אָדעס. געהאַלטן משרתים בייַ די טירן, געווען טויב צום ייִדישן עלנט, צו דער ייִדישער נויט, און דאָ זענען זיי מיט אַ מאָל געוואָרן פּראָלעטאַריערס פון ריינסטן בלוט.

זיי האָבן פאַרזאָרגט נישט בלויז זיך אַליין, נאָר אויך זייערע ווייַבער און קינדער, זייערע מאַמעס און טאַטעס, זייערע ברידער און שוועסטערס און געווען זיכער, אַז זיי וועט די גזירה פון אומקום מייַדן.

איז, אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לויפן אין די שאָפּעס אַרייַן, האָבן די פירערס פון די שאָפּעס, די אַלערליי שאַנטאַזשיסטן און קעשענע־גנבים דערזען, אַז ס'האָט זיך געעפנט פאַר זיי אַ קוואַל פון שפּעדיקער פּרנסה.

איז געוואָרן אַ גאַנצער האַנדל מיט קריגן אַן אָרט אין אַ שאָפּע, אַ גאַנצע שוואַרצע בערזע. אין אָנהייב האָבן די פירערס פון די שאָפּעס פאַרלאַנגט פון אַ „קאָפּ" טויזנט זלאָטעס, שפּעטער — צוויי טויזנט, פינף טויזנט. עס זענען אויך געווען פאַלן, ווען די נייַ־געבאַקענע פּראָלעטאַריער האָבן געצאָלט די מאַכערס צו צען און צו צוואַנציק טויזנט זלאָטעס פאַר אַ „קאָפּ".

אַזאַ שאָפּע איז אויך געווען אין קליינעם געטאָ. טעבענס' שאָפּע האָט מען זי גערופן. און נאָך דעם, ווי מען האָט אַרויסגעטריבן די ייִדן פון קליינעם געטאָ, זענען אין יענער שאָפּע איבערגעבליבן עטלעכע טויזנט ייִדן מיט זייערע פאַמיליעס. צום וווינען האָט מען די דאָזיקע מענטשן אָפּגעגעבן צוויי, צי דרייַ הייַזער, נישט ווייַט פון דער שאָפּע. די הייַזער זענען אַרומגעצוימט געוואָרן מיט פּלויטן. דאָ האָבן די נייַ־געבוירענע פּראָלעטאַריערס געמוזט וווינען. אין קיין אַנדערער גאַס אַרייַן אָדער אין אַ שכנותדיק הויז אַרייַן האָבן זיי נישט געקאָנט און נישט געטאָרט אַרייַנקומען. ס'האָט געדראָט מיט אַ קויל אין קאָפּ אַרייַן. 6 אַ זייגער אין דער פרי האָט מען די מענטשן אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט — צו פינף אין אַ ריי, אַזוי ווי אַרעסטאַנטן; 6 אַ זייגער פאַר נאַכט האָט מען זיי צוריקגעפירט, באַוואַכט פון דייַטשע זשאַנדאַרן.

צו דער אַרבעט אין דער שאָפּע אַרייַן האָבן די מענער מיטגענומען זייערע ווייַבער און די קינדער. אין דער שאָפּע, האָט מען

פאַרזיכערט, וועט קיין בלאָקאַדע נישט זײַן; פון דאַנען וועט מען קיינעם נישט ארויסנעמען. דאָ איז מען זיכער מיטן לעבן.

ס'האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אַז מען איז נישט געווען זי־כער. היטלערס יאָגהינט האָבן אויסגעצייכנט געוווּסט ווי אַזוי די נײַ־געבוירענע פּראָלעטאַריערס האָבן זיך אַרײַנגעקריגן אין די שאָפּ־פּעס. דערויף האָבן זיי געהאַט גענוג ייִדישע געסטאַפּאָ־לײַט, וואָס האָבן אויסגעפירט זייער אַרבעט צו דער גרעסטער צופרידנקייט פון די באַנדיטישע מושלים.

און ווען אַלע זענען געזעסן אין דער שאָפּ און געלאָזט, ווי מען זאָגט, אַ פייגעלע אין וואַלד זאָרגן, זענען דײַטשישע באַנדעס אַראָפּגעפאַלן, ווי פון הימל. ווי געוויינלעך מיט אַ געשריי, מיט אַ הינטיש בילן, און גענומען רוימען. אַלע האָבן געמוזט ארויס פון ווארשטאַט, אַלע האָבן זיך געמוזט אויסשטעלן אויף דער גאַס, אַלע וואָס האָבן געצאָלט גראָבע געלטער און אַלע וואָס האָבן געאַרבעט פון פריִער און נישט באַצאָלט דערפאַר קיין איין גראָשן.

די היטלעריסטישע הענקערס האָבן קאַלטבלוטיק און אַכזריות־דיק באַשטימט אויפן אָרט, אַז אין טעבענס' שאָפּ אויף פּראָסטע־גאַס דאַרפן אַרבעטן נישט עטלעכע טויזנט מענטשן, נאָר עטלעכע הונדערט. זיי האָבן גלײַך געמאַכט די סעלעקציע, ווער עס קאָן יאָ אַרבעטן, און ווער נישט.

קודם־כל האָבן זיי צוגענומען די פרויען מיט די קינדער, דער־נאָך די עלטערע מענטשן, שפּעטער — די מענטשן אין מיטעלע יאָרן — און אין פאַרלויף פון אַ צוויי, דרײַ שעה איז אין טעבענס' שאָפּ איבערגעבליבן נישט עטלעכע טויזנט, נאָר אַ פּאָר הונדערט פאַריתומטע, אומגליקלעכע, צעבראָכענע מענער און יונגע פרויען.

די רעשט האָט מען גלײַך אַוועקגעפירט צו דער שׂרפה.

די איבעריקע עטלעכע הונדערט מענטשן, וואָס זענען געבליבן אַרבעטן, און זייער גורל געהאַנגט אויף אַ האָר, האָט מען איבערגע־שיקט וווינען אין איין הויז אַרײַן. דאָרטן שטיקן זיי זיך און ווערגן; יעדער איינער מיט אַ פינצטער לאָך אין האַרץ. יעדן איינעם פעלט אַ ווײַב, אַ קינד, אַ טאַטע, אַ מאַמע אאַ"וו.

בײַם הײַנטיקן טאָג — און הײַנט איז שוין דער ערשטער טאָג סוכות — קאָן קיינער צום קליינעם געטאָ נישט צוקומען. דער ראַיאָן פון טוואַרדע־גאַס איז אַזוי ווײַט געוואָרן, אַזוי, ווי אין מיטן זאָלן ליגן אַלע ימים פון דער וועלט. קיינער ווייסט נישט, וואָס עס געשעט מיט די עטלעכע הונדערט מענטשן, וואָס אַרבעטן דאָרט. מען ווייסט נאָר צו דערציילן, אַז אויסער דעם פערטל ברויט מיט דעם וואַסערדיקן ביסל גריץ, קאָן מען דאָרט גאָרנישט קריגן צו קויפן. און אויב אַ אומצעער וועט יאָ קריגן אַ ברייטל, וואָס באַ־שטייט מער פון אַ קילאָגראַם ליים ווי פון מעל, דאַרף ער דערפאַר באַצאָלן פון 80 ביז הונדערט זל.

אין גרויסן געטאָ זענען געווען עטלעכע אַזעלכע שאָפּעס. פאַר־שטייט זיך, אַז אויך דאָ איז געווען פיל מיט די פריש־געבוירענע פּראָלעטאַריערס. די דײַטשן האָבן דערווײַל געקוקט דערויף דורך די פינגער. אויסער די שאָפּעס האָבן זיי נאָך דאָ געהאַט צו „דערלויי־דיקן" אַן ערך פון הונדערט און פופציק „פּריוואַטע ייִדן", אַזוי צו זאָגן.

און זיי האָבן דערלייִדיקט מיט פאַרשיידענע מיטלען און אויף פאַרשיידענע אינקוויזיטאָרישע אופנים. ווידער אָפּגעשלאָסענע גאַסן, ווידער בלאָקירטע הײַזער, ביז די באַנדיטן זענען אין איין שיינעם טאָג געפאַלן אויף אַ נײַעם טייוולאָנישן פּלאַן. די אָדער יענע גאַס, די לינקע זײַט אָדער די רעכטע זײַט גאַס מוז אָפּגערייניקט ווערן פון אַלע ייִדן אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה. ד"ה אַלע ייִדן מוזן זיך פון דאַנען ארויסציִען ביז הײַנט פאַר נאַכט, אָדער ביז מאָרגן אין דער פרי. דער ערשטער קרבן איז געפאַלן דאָס שטיק נאַוואָ־ליפּיע פון קאַרמעליצקע ביז סמאָטשע. אויפן דאָזיקן שטח געפינען זיך די ווארשטאַטן פון דער פירמע „שולץ". די דאָזיקע פירמע באַשעפטיקט עטלעכע טויזנט ייִדישע אַרבעטערס. די אַרבעטערס דאַרפן וווינען נאָענט פון די ווארשטאַטן. דעריבער מוז דאָס גאַנ־צע שטיק נאַוואָליפּיע אָפּגערייניקט ווערן פאַר די אַרבעטערס פון שולצס שאָפּ.

געשען איז דאָס אומגליק שבת (איך געדענק לײַדער נישט די דאַטע). באַלד אין דער פרי איז די גאַס אָפּגעשלאָסן געוואָרן פון ביידע עקן. ס'איז נישט געווען ווו צו לויפן; נישט אַרײַן און נישט ארויס.

מען האָט די מענטשן געהייסן פאַרלאָזן זייערע וווינונגען און ווו אַהינצוטאָן זיך האָבן זיי נישט געהאַט.

ס'איז אוממעגלעך איבערצוגעבן אין ווערטער דעם גרויל און דעם שוידערלעכן פּײַן וואָס איז באַפאַלן די דאָזיקע צום טויט־פאַרמישפּטע אײַנוווינערס. אין מיטן דער גאַס האָבן שפּאַצירט עטלעכע דײַטשישע רוצחים מיט רעוואָלווערן און אַראַפּניקעס — די הענט אַרויפגעשאַרצט, אַזוי ווי די תּלינים וואָס דאַרפן אין אַ מינוט אַרום אָפּהאַקן זייער קרבן דעם קאָפּ.

און איבער די הײַזער, איבער די שטובן, פון וואַנען די ייִדן האָבן זיך אין איין טויטשרעק געפרוווט ארויסציִען זענען אַרומגע־לאָפן ווי משוגענע הינט די אוקראַאינישע באַנדיטן צוזאַמען מיט די ייִדישע אויסוואָרפן. זיי האָבן אויפגעריסן טירן, צעשמעטערט די צוגעפּאַקטע פּאָר קישנס, די וואַליזקע, דאָס קופּערל. געשלעפּט די מענטשן אַראָפּ ווי מען שלעפּט פּגרים און געשטעלט זיי פאַר די דײַטשישע תּלינים, וואָס האָבן געמאַכט זייער רעכט: אָדער באַלד אויפן אָרט, אָדער מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער אויפן אומשלאַגפּלאַץ.

אַט דערציילט מיר אַ ייִדישער פּאָליציאַנט, וואָס האַלט אַז זײַנע הענט האָבן דאָס דאָזיקע בלוט נישט פאַרגאָסן (מיר ווייסן גאָר עפּעס אַנדערש וועגן אים), אַז ווען נישט די ייִדישע פּאָליציי, וואָלט זיך די דײַטשן אַפילו מיט דער הילף פון די אוקראַאינער בשום אופן נישט אײַנגעגעבן אויסצוזוכן, אויסצוגעפינען אַזוי פיל ייִדן.

בלויז די ייִדישע באַנדיטישע פּאָליציי האָט געוווּסט אַלע ער־טער, אַלע לעכער, ווו ייִדן האָבן זיך באַהאַלטן.

אַזוי איז אויך געווען אויף נאַוואָליפּיע־גאַס. זיי האָבן גע־ברענגט זייערע פאַרפּײַניקטע קרבנות פון אונטער דער ערד אַפּער, פון הימל אַראָפּ, פון אַלע קעלערן, פון אַלע דעכער, פון אַלע קווי־מענס. זיי האָבן עס געטאָן מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט און מיט אַזאַ מסירת־נפש, אַז ס'איז בשום אופן נישט צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ ווילדער דיבוק ס'איז אַרײַן אין די דאָזיקע יונגע־לײַט. נישט בחינם האָט דער „פעלקישער בעאָבאַכטער" שפּעטער גע־שריבן, אַז די ייִדישע פּאָליציי אין ווארשע האָט געאַרבעט „טאַדעללאָז".

אַ ווייסטער, פינצטערער לויב וואָס וועט פאַרשריבן ווערן מיט בלוטיקע, שענדלעכע אותיות אויפן חשבון פון דער ווארשעווער ייִדישער קהילה, ווו אין דער שפּיץ איז נאָך טשערניאַקאָווס טויט געשטאַנען אַ קליינקעפּלדיק רשעותדיק זשידעקל, וואָס זײַן נאָמען איז אינזש' מ. ליכטענבוים. דאָס דאָזיקע אַסימילירטע ייִדל איז

איין שטיק שלעכטס, ער האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין שייכות נישט מיט יידן און נישט מיט יידישקייט. ער איז נאָך מער אומ־טערטעניק געווען דעם דייטשן רוצח ווי טשערניאַקאָוו. ער האָט נאָך גיכער אויסגעפירט זיינע באַפעלן ווי דער געשטאָרבענער טשערניאַקאָוו.

דער שוואַרץ־שבת אויף נאַוואָליפּיע־גאַס האָט געדויערט פון אין דער פרי ביז אויף דער נאַכט, אָן אויפהער, אָן איבעררייס. היטלערס הינט האָבן אוועקגעלייגט עטלעכע הונדערט מענטשן — מענער, פרויען און קינדער. די גאַס איז איבערגענאַנגען פון אומ־שולדיק־פאַרגאָסן בלוט, פון אַרויסגעזעצטע מאַרכן, פון בעטגע־וואַנט, חפצים, אויסגעמישט מיט ספרים, ביכער, חנוכה־לאָמפּן, טליתים, תפילין, פאָטאָגראַפיעס, בילדער, בעטן, פעדערן, טעפּ. די קעשענעס פון די בלוטיקע הינט זענען איבערגעגאַנגען פון געלט, פון טייערע שטיינער, פון פּערל, פון בריליאַנטן, וואָס מענטשן האָבן נאָך געהאַט און געהאַלטן אויף דער לעצטער מינוט.

צענדליקער טויזנטער מענטשן, נאַקעטע און באָרוועסע, באַ־רויבטע, קינדער אין די וויגן, קינדער אין קישנס — שוואַנגערע פרויען — זענען אין יענעם ווילדן שבת אַרויסגעפירט געוואָרן פון נאַוואָליפּיע אויפן אומשלאַגפּלאַץ. דאָרט זענען ווידער געפאַלן הרוגים. א סך האָבן אליין א סוף געמאַכט מיט זיך; ווער דורך סם, ווער ס׳האָט זיך אויפגעשניטן די אָדערן. די איבעריקע זענען פאַר־לאָדעוועט געוואָרן אַזוי ווי הערינג אין די פראַכטוואַגאָנען און אוועקגעשיקט געוואָרן אויף אומקום.

ווייסט און אויסגעליידיקט, מיט אויסגעהאַקטע שויבן, מיט אויפגעריסענע געוועלבער, מיט צעהאַקטע טירן, מיט הרוגים וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די רינשטאָקן, איז געבליבן די נאַוואָ־ליפּיע־גאַס. עס זענען נאָך אויך געבליבן מענטשן וואָס האָבן זיך אַזוי באַהאַלטן אַז אפילו די יידישע פּאָליציייִשע באַנדיטן האָבן זיי נישט געקאָנט געפינען. זיי זענען אַרויס פון די לעכער, שוואַרצע, צעפּלענטערטע, אָפּגעריסענע, הונגעריקע. זיי זענען געלאָפן איבער די חרוב־געוואָרענע שטובן — אפשר איז נאָך עפּעס געבליבן פון זייער האָב און גוטס, אפשר וועלן זיי נאָך קאָנען עפּעס אָפּ־ראַטעווען.

ווער מיט א קישן און ווער מיט א קאָלדרע, ווער מיט א ליי־לעך און ווער מיט א העמד — זענען די איבערגעבליבענע אַנטלאָפן פון נאַוואָליפּיע אין אַנדערע גאַסן אַריין, מיינענדיק אַז דאָרט וועט זיי דאָס אומגליק אפשר אויסמיידן. אין איין בהלה, אין איין שוי־דער זענען געלאָפן וועגעלעך מיטן ביסל בראַכוואַרג, וואָס דעם אָדער יענעם איז געלונגען אָפּצוראַטעווען.

און אַזוי ווי דורך א כישוף־שטעקעלע האָט מען גלייך אויפן אָרט גענומען שטעלן פּלויטן אויף ביידע עקן נאַוואָליפּיע־גאַס. מען האָט די גאַס פאַרמאַכט, אַזוי ווי א שטייג פאַר חיות. אויף די חור־בות פון די אַרויסגעטריבענע, דערשאָסענע, דערשלאָגענע, אומגע־קומענע יידן וועלן זיך מאַרגן אַריינציִען אַנדערע יידן, וואָס האָבן געהאַט דאָס מזל אַריינצוקריגן זיך צו שולצן אין דער שאָפּ. זיי וועלן זיין פאַרמאַכט מיט א פּלויט, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט. קיינער וועט נישט האָבן קיין רעכט אַריינצוקומען צו זיי און קיינער פון זיי וועט אויך נישט האָבן קיין רעכט אַרויסצוגיין פון אונ־טערן פּלויט.

אַזוי אַרום איז אין געטאָ געשאַפן געוואָרן נאָך א געטאָ. נישט איין געטאָ, נאָר א שפּאָר ביסל אַזעלכע געטאָ־אינדזלען. וואָרעם כמעט אויף יעדער גאַס האָט זיך געעפנט א שאָפּ. פון יעדער גאַס

האָט מען אַרויסגעטריבן די „פּריוואַטע יידן" און אַריינגעזעצט פּרי־ווילעגירטע, די אַרבעטער פון די שאָפּעס.

נאָך דער נאַוואָליפּיע איז דער גורל געפאַלן אויף נאַוואָליפּקע, קאַרמעליצקע, דזשעלנע, סמאָטשע, דזשיקע און אַזוי כסדר. די וואָס האָבן זיך נעכטן אַרויסגעצויגן פון נאַוואָליפּיע, האָבן היינט געמוזט לויפן פון קאַרמעליצקע, מאָרגן פון דזשעלנע, איבער מאָרגן פון סמאָטשע.

אומעטום האָט מען איבערגעלאָזט הרוגים, אומעטום האָט מען איבערגעלאָזט זאַכן, און אומעטום האָט מען אוועקגעשטעלט פּלויטן. די גאַנצע נאַוואָליפּקע איז איין לאַנגער פּלויט. א ווינסטער, א פינצ־טערער, א שענדלעכער. דאָ וווינען די אַרבעטערס פון דער אָדער פון יענער שאָפּ. אויסטערליש, נישט אויסצומאָלן און נישט צו באַשרייבן זענען אויס די אַרומגעצוימטע הייזער. דאָס זענען אויפ־געקומענע תפיסות, שטייגן, קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין סאַמע האַרץ פון שטאָט. היטלער האָט די יידן ווי אויף דער האַנט. ער קאָן צו יעדער מינוט קומען אויסשעכטן, אויסרוימען, פאַרטיליקן, פאַרניכטן.

און ער רוימט טאַקע, פאַרטיליקט, פאַרניכטעט (די ווערטער — פאַרניכטן, אויסראָטן — גייען נישט אַראָפּ פון די שפּאַלטן פון דער היטלעריסטישער פּרעסע און פון די טריפענע מיילער זייערע).

דאַכט זיך אַז ס׳איז שוין באַלד נישטאָ וועמען צו פאַרטי־ליקן. אַלע טאָג ווערן אוועקגעפירט צענדליקער פאַרטיעס מיט צענד־ליקער טויזנטער מענטשן. אַלע טאָג וואַלגערן זיך הונדערטער הרו־גים אין די גאַסן. וועמען וועט די בלוטיקע חיה נאָך אויפפרעסן? האָט זי נאָך אַלץ ווייניק יידיש בלוט אויסגעזופּט? האָט די בלאָנדע בעסטיע נאָך אַלץ נישט געשטילט איר ווילדן אַפּעטיט?

זעט אויס, אַז ניין.

די יידישע פּאָליציי האָט אין איין טאָג אויף ס׳ניי באַקומען א באַפעל, אַז ביז פאַר נאַכט מוז זי צושטעלן נייע צען טויזנט יידישע „קעפּ". צוויי טויזנט פּאָליציאַנטן — מאַכט אויס צו פינף „קעפּ" אויף יעדן פּאָליציאַנט.

איך בין נישט אימשטאַנד נאָך א מאָל צו שילדערן דאָס ווייס־טע יאָגעניש פון די יידישע רוצחים אויף זייערע קרבנות. וואָס איך וועל זאָגן, וועט זיין שוואַך געזאָגט. וואָסער קללה איך זאָל נישט שיטן אויף זייערע פאַרשאָלטענע קעפּ, וועט יעדע קללה זיין א ברכה. איך וויל נאָר איבערגעבן עטלעכע פאַקטן און זאָלן זיי רעדן פאַר זיך.

פאַקט נומער איינס:

אין אַן אויפגעפּראַלטער, צעריסענער שטוב איז אַריינגעפאַלן א יידישער פּאָליציאַנט. די שטוב איז שוין נישט געווען קיין שטוב נאָר א חורבה. אַלץ איז געלעגן צעהאַקט און צעבראָכט. די בעסערע זאַכן צעראַבעוועט, צעגזלט. קיין מענטשן האָט די שטוב שוין אויך נישט געהאַט. ווער ווייסט וו זיי זענען אַהינגעקומען? בלויז איין מענטשלעך לעבן האָט זיך אין שטוב יאָ געלאָזט הערן. דאָס איז געווען א קינד אין א קישן. ס׳איז נישט באַקאַנט דורך וועלכע ניסים איז אין דער חורבה געבליבן א לעבעדיק נפש. צי האָט עס די מאַמע פאַרגעסן מיטצוכאַפּן, צי האָט מען די מאַמע אומגע־ברענגגט און דאָס קינד נישט באַמערקט, גענוג איז אַז ס׳האָט גע־ריסן אין קישן. דער יידישער פּאָליציאַנט האָט היינט מתקן געווען א גרויסע זאַך. ער האָט שוין געהאַט צוגעשטעלט פיר „קעפּ". ס׳האָט אים געפעלט דער פינפטער „קאָפּ". דאַכט זיך אַז קיין

גרעסער מזל קאן שוין קיין יידישער פאליציאנט נישט האבן. דער פינפטער „קאפ" האט זיך ממש געבעטן, מען זאל טאן אים זיין רעכט.

דער געטרייער מנוול האט געכאפט דאס קישן מיטן קינד און אין איין גדולה געלאפן דערמיט אויפן פלאץ פון טויט און אומקום. ער האט זיך היינט אנגעהארעוועט, דער יונג. איצט וועט ער זיך שוין א ביסל אפרוען.

אבער דער דייטשער תלין, וואס האט געלאדעוועט די אומגליקלעכע אין די וואגאנען, האט זיך צום גאנצן ענין באצויגן גאר אנדערש. ער האט א קוק געטאן אויפן קליינעם קרבן, וואס דער יידישער חבר זיינער האט אים אונטערגעטראגן, געלאזן ארויסגענומען דעם רעוואלווער, און אין פארלויף פון איין סעקונדע איז דאס ווייסע קישן פארגאסן געווארן מיט בלוט.

— ניין — האט דער דייטשער תלין געזאגט — דער דאזיקער „קאפ" ווערט נישט גערעכנט פאר קיין „קאפ". איך האב דעם קליינעם הונט דערשאסן. ווער עס ווערט דערשאסן, דעם פאררעכנט מען נישט פאר קיין „קאפ". ביסט מיר, אלזא, שולדיק א פינפטן „קאפ". גיי און ברענג אים, אז נישט וועסטו באצאלן מיט דיין קאפ.

דער יידישער אויסווארף האט נישט געזאגט דאס אנדערע ווארט און דעם נייעם פינפטן „קאפ" געברענגט.

פאקט נומער צוויי:

איינעם פון די, וועמען מען האט געברענגט צו פירן אויפן אומשלאגפלאץ, איז געלונגען, אויפן פלאץ גופא, אריבערצוכאפן זיך איבער א מויערל און דארטן אויסצובאהאלטן זיך. אין יענעם ווינקל, וווהין ער האט זיך אריבערגעקריגן, זענען געלעגן הרוגים. האט ער זיך אוועקגעלייגט אין א מתים־קאסטן, מכלומרשט אויך א הרוג און געווארט ביז דער פארנאכט וועט צופאלן, ער זאל קאנען עוקר זיין.

א יידישער פאליציאנט האט דאס באמערקט. צי דער „לעבעדיקער מת" האט דעם פאליציאנט איבערגעקויפט, צי האט ער גלאט געהאט א גוט הארץ, דער פאליציאנט, גענוג איז אז ער האט זיך נישט געמאכט וויסן און געלאזט דעם לעבעדיקן הרוג ליגן.

פאר נאכט, ווען עטלעכע צענדליק טויזנט קרבנות זענען שוין געווען פארפאקט אין די וואגאנען אריין און די דייטשע רוצחים האבן פארלאזט דעם פלאץ, איז דער „לעבעדיקער מת" ארויס פון זיין באהעלטעניש.

דער פאליציאנט, וואס האט אים א גאנצן טאג געלאזט ליגן צווישן די הרוגים, האט געמאלדן וועגן דעם פאל דעם יידישן קאמענדאנט פון פלאץ — דעם משומד שמערלינג. ער האט צוגעגעבן, אז דעם דאזיקן מענטש, וואס האט שוין ביים לעבן געליטן חיבוט־הקבר, דארף מען אפלאזן אהיים. דער משומד שמערלינג, וואס האט געהאלפן אומברענגען הונדערטער טויזנטער יידן, האט דעם פאליציאנט געסטראשעט מיט קאנסעקווענצן און דעם „לעבעדיקן מת" פארפאקט אין וואגאן אריין.

פאקט נומער דריי:

די דייטשן האבן אפגעשלאסן די שליסקע־גאס. דארט האט געוווינט דער אלטער שריפטשטעלער הלל צייטלין. א ייד א זקן. אין די לעצטע יארן איז ער געזעסן פארמאכט ביי זיך אין שטוב און שטילערהייט געשריבן זיין לעצט ווערק. ער האט זיך אין ערגעץ נישט אויסבאהאלטן און די דייטשן האבן געכאפט.

די פרוי זיינע, וואס האט געפרוווט באהאלטן זיך, האבן די מערדערס אויפן ארט דערשאסן.

הלל צייטלין גופא איז ארויף אויפן תליה־וואגן איינגעהילט ווי גרויס ער איז געווען אין א טלית. ער האט געוווסט אז מען פירט אים צו דער שחיטה, האט ער געוואלט קומען צו קבר־ישראל אין טלית, אזוי ווי דער מינהג איז ביי יידן.

דאס בילד איז געווען שוידערלעך. א פולער וואגן מיט מענטשן, פרויען און קינדער — אלע פארמישפטע צום טויט — און צווישן זיי איין ייד — א הויכער, מיט א גרייז־גרויער באָרד, איינגעוויקלט אין א טלית.

די דייטשע הענקערס האבן נישט פארשטאנען וואס דא קומט פאר. זיי זענען אין דער ערשטער מינוט א ביסל מבולבל געווארן. אבער די יידישע פאליציאנטן, די משרתים פון דער קהילה, טשערניאקאוו און ליכטענבוימס לייבגווארדיע, האט אראפגעריסן פון דעם אלטן שריפטשטעלער דעם טלית און אים מכבד געווען מיט א שפאר ביסל קלעפ.

מען האט הלל צייטלין אוועקגעפירט אין תליה־וואגן א צעשלאגענעם, א געשענדטן. אין דער קהילה איז מען געוואר געווארן אז דער שריפטשטעלער איז אויפן אומשלאגפלאץ. עס איז דא איינער א יונגער ייד אין דער קהילה, א פשוטער באאמטער, א געוויסער רימבא, ער האט אין יענעם טאג ארויסגעראטעוועט דעם אלטן שרייבער פון די דייטשע רוצחים.

דער שריפטשטעלער, א קראנקער, א צעבראכענער, האט זיך אויפגעהאלטן שפעטער א געוויסע צייט אין יידישן שפיטאל. אבער אויך דא האט אים דער גורל נישט אויסגעמיטן. היטלערס באנדע איז באפאלן דאס שפיטאל, ארויסגעשלעפט סיי די קראנקע, סיי די דאקטוירים, סיי די קראנקן־שוועסטערס און צוזאמען מיט זיי אויך הלל צייטלין.

און אין שטאט איז די בלוטיקע ארבעט געגאנגען ווייטער. אלע גאסן ליגן וויסט און אויסגעשטארבן. אלע געוועלבער זענען פארהאמערט. אלע שטובן זענען חרוב. ערגעץ אין קעלערס, אויף בוידעמער, אין מיסטקאסטנס ליגן נאך באהאלטן מענטשן. זיי הונגערן, זיי זענען ברודיק, די ווערעם פרעסן זיי, אבער ארויסגיין ווילן זיי נישט. ס'רוב זענען דאס פאלקסמענטשן, וועמען דער געזונטער אינסטינקט זאגט אונטער זיי זאלן איבערווארטן, אויסהאלטן. אפשר וועט זיך דאס מערדערישע, ווילדע משוגעת אפשטעלן.

אבער עס שטעלט זיך נישט אפ. ס'איז שוין זעקס וואכן, עס גייט שוין די זיבעטע וואך. די וואס לעבן נאך, שלעפן זיך ארום ווי געשפענסטער, נישט מען עסט, נישט מען שלאפט. מען האט מורא ארויסצושטעקן דעם קאפ. זעקס א זייגער אין דער פרי באוויזן זיך די ארבעטערס וואס זענען באשעפטיקט אין די „שאפעס". זיי גייען אין רייען אנגעלאדן מיט טארבעס, אזוי ווי די מדינה־גייערס. זיי נעמען מיט ווייב און קינד. זיי רעכענען אז דארט אין די „שאפעס" וועלן זיי פארהיטן, באשיצן סיי זיך, סיי זייערע משפחות.

אבער היטלערס רוצחים האבן אויך נישט אויסגעמיטן די „שאפעס".

ס'האָט געקאָכט ממים ודמים איידער מען האָט זיך אַרײַנגעקריגן אין אַ „שאָפּע". מענטשן האָבן אַראָפּגענומען פון זיך דאָס לעצטע העמד און אַוועקגעגעבן. ייִדן זענען געלאָפן אַרבעטן פאַר היטלערן און געמיינט אַז אַזוי אַרום וועלן זיי ראַטעווען זייער גוף און זייער נשמה.

זיי האָבן נישט געראַטעוועט, נישט דעם גוף, און די נשמה — אַוודאי און אַוודאי נישט.

די דײַטשע הענקערס האָבן נישט באַדאַרפט אַזוי פיל ייִדישע אַרבעטערס. היטלערס יאַגהינט, אַ דאַנק די מסירות פון ייִדישע געסטאַפּאָ־לײַט, האָבן געגנוי געוווּסט וויפל ייִדן עס האָבן זיך אַרײַנגעקריגן אין די „שאָפּעס" פאַר געלט.

איז געקומען אַ טאָג און פון דער העלער הויט איז מען באַפאַלן די „שאָפּע", און יענע „שאָפּע" און אַלע איבעריקע „שאָפּעס". ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע בלוטיקע שחיטה.

אויפן אָרט האָבן די היטלעריסטישע וועלף רעדוצירט די אַרבעטערס. זיי האָבן גלײַך באַשטימט וויפל מענטשן אַ „שאָפּע" דאַרף באַשעפטיקן. פון עטלעכע טויזנט איז געבליבן עטלעכע הונדערט. פון עטלעכע הונדערט — עטלעכע צענדליק. די רעשט, ס'רוב פרויען, קינדער, יוגנטלעכע, אַלטע מענטשן, האָט מען אַרומגערינגלט, אויסגעשטרעקט צו זיי די ביקסן, געשלאָגן מיט ראַפּניקעס איבער די קעפּ (די דײַטשע באַנדיטן שלאָגן נאָר אין קאָפּ אַרײַן) און אָפּגעפירט אויפן פּלאַץ פון טויט.

מענער זענען אין איין רגע געבליבן אָן ווײַבער. טאַטעס אָן קינדער. קינדער אָן טאַטעס. טאָמער האָט אימעצער געוואָלט מיטגיין מיטן ווײַב, מיט טאַטע־מאַמע — האָבן אים די באַנדיטן מערדערלעך געשמיסן איבערן קאָפּ און בשום אופן נישט געלאָזט. צו וואָס? אַז מאָרגן אָדער איבער מאָרגן וועט ער סײַ ווי סײַ אַרײַנפאַלן אין זייערע הענט.

צענדליקער טויזנטער מענטשן זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די „שאָפּעס".

הונדערטער טויזנטער זענען שוין נישטאָ.

איז אפשר וועט שוין איצט זײַן גענוג? איז נאָך אַלץ די חיה נישט געזעטיקט? האָט זי זיך נאָך אַלץ נישט אָנגעזויפּט מיט אונדזער בלוט?

עס גייט שוין דער 31טער אויגוסט, דער פערציקסטער שחיטה־טאָג. עפּעס אַ רויִקער טאָג. די גאַסן ליגן אויסגעשטאָרבענע, פאַרגאַסענע מיט זון. הײַנט שיסט מען נישט. מען פירט נישט קיין פּאַרטיעס און מען פירט נישט קיין מתים. זאָל די מגפה האָבן זיך אײַנגעשטילט?

דאָ און דאָרט באַווײַזט זיך אַ קאָפּ. אַ ייִנגל קומט אַרויס פון אַ לאָך און האָט צו פאַרקויפן פּאַפּיראָסן. ווי גליקלעך מען איז! אַ סימן פון לעבן האָט זיך באַוויזן. צוויי הונדערט טויזנט ייִדן זענען שוין ביז הײַנט פאַרטיליקט געוואָרן. צוויי הונדערט טויזנט קדושים. אָבער די וואָס זענען געבליבן, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט, ווילן ווײַטער לעבן.

אמת, אין גאַס איז שוין אַ ביסל צו שטיל. צו שטיל איז אויך נישט גוט. מען האָט מורא פאַר דער דאָזיקער שטילקייט. זי זאָגט נישט אָן קיין גוטס. דער מערדער מוז אַוודאי פּלאַנעווען אַ נײַע טייוולאָנישע אויסראָטונג.

ווײַל מען דווקא איצט, מיט אַלע רמח אבֿרים ווערט מען זיך, האַלט מען זיך אויף. דווקא איצט, ווען דער טויט גייט דיר נאָך טריט בײַ טריט, ווען ער ליגט מיט דיר אויפן געלעגער, ווען דו עסט אים אַרײַן אין זיך. און פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, אַזוי ווי לונאַטיקערס, קריכט מען אַרויס פון די באַהעלטענישן, קוקט מען זיך אום, פרעגט מען איינער דעם אַנדערן וואָס עס הערט זיך אויף דער גאַס און אויף יענער גאַס. אָט פאַרקויפט שוין אימעצער אַ ברויט, אַ ציבעלע, אַ שאַכטל שוועבעלעך. אָט גייט שוין אַ רויך פון אַ קוימען. אַ סימן אַז מען קאָכט אַ ביסל געקעכטס. אַ קאַץ באַווײַזט זיך, אַ הונט בילט, אַלץ סימנים פון לעבן. אויף איין אָרט קלאָגט מען אַ ביטערע קלאָג: עס פעלן גאַנצע משפחות. און אויף אַן אַנדער אָרט פאַלט מען זיך אויף די העלדזער. מען איז דאָ! מען איז נישט אומגעקומען! מען לעבט!

אַזוי גייט איין טאָג, נאָך אַ טאָג, אַ דריטער טאָג. די חרובֿגעוואָרענע גאַסן ווערן פולער. צו ערשט — דאָ אַ מענטש און דאָרט אַ מענטש, שפּעטער צענדליקער מענטשן, הונדערטער, טויזנטער. מען לויפט גיך, מען קוקט זיך אום. די סכנה לויערט פון יעדן ווינקל, אָבער דער כוח פון לעבן איז שטאַרקער.

מען האָט שוין צײַט צו דערמאָנען זיך אַז אין עטלעכע טעג אַרום איז ראש־השנה. אַ ביטערער ראש־השנה וועט דאָס זײַן, אַ שוואַרצער, אַ פינצטערער. בײַם „מי יחיה" און „מי ימות" וועלן טײַכן טרערן פאַרגאָסן ווערן. זאָל נאָר זײַן רויִק, זאָל מען לאָזן דעם אָטעם כאַפּן.

דער זומער וויל זיך גאָרנישט שיידן מיט דער וועלט. איין טאָג איז זוניקער ווי דער אַנדערער. די וועלט איז שיין. אַלע מענטשן, אַלע באַשעפענישן, אַלע גראָזן און אַלע געוויקסן האָבן דאָס רעכט צו געניסן פון דער שיינקייט. בלויז צוויי הונדערט טויזנט פון אונדזערע ברידער און שוועסטער וועלן שוין קיין מאָל נישט אָנזען די זון. פאַר וואָס...

וואָרעם דאָס וואָס די רוצחים האָבן אויסגעקלערט אין פאַרלויף פון די עטלעכע טעג ווען ס'איז מכלומרשט שטיל געווען, דאָס גייט איבער יעדן מענטשלעכן פאַרשטאַנד. דאָס איז אַזוי ראַפינירט־סאַדיסטיש, אַזוי גזלניש, נאָר די פאַרשאָלטענע גזע פון די־סעלדאָרפער וואַמפּיר האָט געקאָנט פאַלן דערויף.

אין דער נאַכט פון 5טן אויפן זעקסטן סעפּטעמבער, אין דער נאַכט פון שבת אויף זונטיק, ווען פרומע ייִדן האָבן זיך געגרייט צו זאָגן סליחות, איז אַראָפּגעפאַלן אַ נײַער דונער פון הימל. דער לעצטער דונער, אָבער געפאַלן איז ער מיט אַזאַ טייוולאָנישן כוח, מיט אַזאַ ברענענדיקן אימפּעט, אַז ער האָט אָפּגעמעקט אַלץ וואָס האָט נאָך געהאַט אַ שטיקל סימן פון לעבן.

ווי ס'איז שוין פריִער דערציילט געוואָרן, האָבן ייִדן געמעגט גיין אין גאַס פון 5 אַ זייגער פאַר טאָג ביז 9 אַ זייגער אין אָוונט. אין דער נאַכט פון 5טן אויפן 6טן סעפּטעמבער 1942 — האָט מען פּלוצלינג דערהערט הינטער די פענצטערס אַ שטאַרקע אײַלנדיקע באַוועגונג פון טויזנטער, טויזנטער מענטשלעכע פיס. וואָס קומט איצט פאָר אין גאַס? ס'איז דאָך נאָך האַלבע נאַכט. ווער האָט עס דעם מוט צו באַווײַזן זיך איצט אויף דער גאַס? האָט שוין היטלער אײַנגענומען אַ מיתה משונה? איז שוין די וועלט באַפרײַט געוואָרן פון דעם בלוטיקן הונט?

די באַוועגונג איז געוואָרן וואָס אַ מאָל געדיכטער, וואָס אַ מאָל שווימיקער. נישט מען איז געגאַנגען, נאָר געלאָפן. די גאַסן

אליין זענען, דאכט זיך, געלאפן. וווּהין און נאך וואס לויפט מען? ווער זענען דאס די מענטשן? און ווער טרייבט זיי?

די טויערן, וואס זענען גאנצע וואכן געווען פארהאמערט אין מיטן טאג, זענען איצט געשטאנען אפן. קיין באלויכטונג האבן די גאסן נישט געהאט. נישט די גאסן און נישט די שטובן. האבן זיך גאנצע מחנות פינצטערע שאטנס געשטופט אין איין טויער אריין פון אנדערן טויער ארויס, געשטופט, געשריגן, געשאלטן, געיאמערט.

פארשטייט זיך אז ס'איז נישט געווען אין יענער נאכט קיין איין יידישע שטוב ווּ מענטשן זאלן קאנען צוטאן אן אויג. מען האט זיך אויפגעריסן פון די געלעגערס און אין איין פחד — אראפ־געלאפן געוואר ווערן, אפשר אן ערד־ציטערניש, אפשר א שרפה, אפשר באמבארדירט מען די שטאט?

גענוי האט קיינער גארנישט געקאנט דערציילן. עס זענען געפאלן אפגעהאקטע פארקייכטע ווערטער, אז די קהילה האט גע־קריגן א באפעל אלע יידן זאל זיך פרייוויליק צושטעלן אויפן אומשלאגפלאץ. אנדערע האבן געטענהט, אז ס'איז נישט אמת: די קהילה האט קיין שום באפעל נישט געקריגן און אויב יא, מיינט מען דאס די יידישע פאליציי. אויב בלויז די פאליציי, וואס־זשע לויפן אלע נישט־פאליצייישע יידן?

דא און דארט האבן זיך פארזאמלט רעדלעך מענטשן. אין דער פינצטער האט מען געקרעכצט, אין דער פינצטער האט מען זיך אנגעהאלטן איינער ביים אנדערן, מען זאל זיך נישט פארלירן. קינדער, האלב־נאקעטע און אויפגעריסענע פון שלאף האבן זיך געטוליעט צו זייערע מאמעס. וואס וועט זיין מיט אונדז? — האבן אלע געפרעגט. — וואס גייט אויף אונדז?

און פונקט אזוי ווי א שווערקראנקער ווארט אויפן ערשטן שיין פון טאג, מיינענדיק אז די יסורים זיינע וועלן גרינגער ווערן, אזוי האבן הונדערט און פופציק טויזנט יידן, וואס האט זיך דער־ווייל אפגעראטעוועט פון אונטערגאנג, געווארט אויפן טאג.

דער טאג איז ענדלעך געקומען — אזוי ווי אויף להכעיס, אויסגעלייטערט און זוניק. ערשט איצט האט מען געזען ווי אזוי די מענטשן זעען אויס — צעקנייטשטע און צעבראכענע, מיט אויסגעלאשענע אויגן, מיט איינגעפאלענע פנימער, מידע פון דעם פיין, אפאטישע, רעזיגנירטע. זאל שוין זיין וואס עס האט צו זיין. זאל מען אונדז שיסן, זאל מען אונדז שעכטן, אבער זאל מען אזוי נישט פייניקן, נישט מאטערן מיט דעם אומבאקאנטן, וואס לויערט אויף אונדז.

ביי דער ליכטיקער שיין פון טאג האבן שוין די מענטשן אין גאנצן פארלוירן דעם פארשטאנד. מען איז געלאפן ווי די משוגענע אין אלע זייטן. אימעצער איז צוריקגעקומען פון דער קהילה מיט א ידיעה אז דארטן ווייסט מען פון גארנישט. לייכטזיניקע האבן געגלויבט און מיט דערלייכטערונג אפגעזיפצט. אנדערע, די וואס זענען געוווינט נישט צו גלייבן און יענע וואס ווייסן אז א הונט בילט און היטלער רעדט איז אלץ איינס — האבן שווער און ביטער אפגעזיפצט. גלאט איז עס נישט.

און עס איז טאקע נישט געווען גלאט. ארום זיבן א זייגער אין דער פרי האבן זיך באוויזן פלאקאטן אויף די מויערן, אונטער־געשריבן ווידער בלויז דורכן יידישן ראט, אז לויט דער פאראָרדע־נונג פון דער דייטשער מאכט (אלע פאראָרדענונגען בנוגע דעם גירוש האבן די דייטשן געגעבן דער יידישער קהילה מינדלעך) מוזן אלע יידן וואס באוווינען דאס אזוי גערופענע גרויסע געטא, פארלאזן זייערע היימען היינט ביז 10 א זייגער אין דער פרי און פארזאמלען זיך אויף די גאסן: סמאטשע, גענשע, דזשיקע ביזן פוריסאווער פלאץ. די שטובן טארן נישט ווערן פארשלאסן. אלץ וואס עס געפינט זיך אין שטוב מוז בלייבן אזוי ווי עס גייט און שטייט. מיטנעמען מעג מען בלויז עסנווארג אויף דריי טעג און א כלי אויף וואסער. ווער פון די יידן עס וועט בלייבן אין גרויסן געטא נאך 10 א זייגער, דער וועט דערשאסן ווערן.

אין פלאקאט איז אויך געזאגט געווארן, אז דאס פארזאמלען זיך אויף די גאסן: סמאטשע, גענשע, דזשיקע ביזן פוריסאווער פלאץ קומט פאר צוליב רעגיסטראציע.

וואסער רעגיסטראציע? ווּעמען גייט מען דא רעגיסטרירן? דאס איז אין פלאקאט נישט געזאגט געווארן (הגם אלע פלאקאטן, אונטערגעשריבענע פון יידישן ראט זענען אזוי נישט קלאר און אזוי נאריש, אז מען האט זיי געקאנט לייענען פון אויבן ביז אראפ און פון הינטן ארויף).

מילא, נישט דאס איז דער עיקר. דער עיקר איז אז דעם דא־זיקן מערדערישן באפעל האט די יידישע קהילה באקומען מינדלעך אין מיטן דער נאכט. ביז 7 א זייגער אין דער פרי האט די קהילה נישט באוויזן אפצודרוקן די פלאקאטן. אבער מענטשן זענען סיי ווי סיי געוואר געווארן און אין מיטן דער נאכט גענומען לויפן (דער פלאקאט, וואס האט זיך באוויזן דעם 6טן סעפטעמבער אין דער פרי, האט דערלויבט צו גיין א גאנצע נאכט פון 5טן סעפ־טעמבער).

וווּהין מען לויפט, נאך וואס מען לויפט, האט זיך קיינער נישט אפגעגעבן קיין חשבון.

ס'איז נישט צו באגרייפן מיטן פשוטן שכל ווי אזוי הונדערט און פופציק טויזנט מענטשן, אויפן סמך פון איין נאריש שטיק פאפיר, האבן איבערגעלאזט אויף הפקר זייער האב און גוטס און געלאפן איבערגעבן זיך אין די הענט פון גזלן.

קיינער האט זיך נישט אריענטירט, אפשר געציילטע, אז דאס אריינטרייבן די מענטשן אין פיר אדער פינף געציילטע גאסן — אין א שטייג, פון וועלכער די מערדערס וועלן יעדן איינציקן ארויסנעמען קושנדיק. דער היטלעריסטישער פלאן איז געווען אן אויסערגעוויינלעך טייוואלאנישער. צו וואס דארפן די באנדיטן גיין פון גאס צו גאס און פון הויז צו הויז, אז זיי קאנען האבן אלע יידן אויף איין ארט און דא טאן מיט זיי וואס דאס הארץ וועט נאר גלוסטן.

דאס מאל זענען זיך די דייטשע רוצחים באגאנגען אן דער יידישער פאליציי. ווייל אויך די יידישע פאליצייישע הינט האבן זיך געמוזט פארזאמלען אין די עטלעכע פריער דערמאנטע גאסן.

זעט אויס אז די יידישע משרתים האבן שוין פארלוירן די לייטזעליקייט אין די אויגן פון די היטלעריסטישע מושלים. מען האט די יאגהינט שוין נישט באדארפט, איז זייער גורל אויך געווען א געחתמעטער.

האט מען באדארפט זען ווי אזוי די דאזיקע „העלדן" האבן אויסגעזען לויפנדיק צוזאמען מיט אלע אומגליקלעכע. צעשראקענע הינט זענען דאס געווען, נעבעכדיקע, ברודיקע — נישט קיין הינט איינגנטלעך, נאר לייז, וואס זענען געקראכן אויף אלע פיר, בא־האלטן זיך אויף בוידעמער, אין קעלערס — און וווינונגען, וואס זיי אליין האבן אויפגעהאקט און צעראבעוועט. פופצן הונדערט

ייִדישע פּאָליציאַנטן האָט מען אויפֿן אָרט אָפּגעזאָגט זייערע פּאָסטנס און אַזוי אַרום אויסגעליפֿערט זיי די דײַטשן. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן די פּאָליצייִשע היטלען, די אָרעמבענדער און אַזוי אַרום געוואָלט זיך ראַטעווען.

און כאָטש די ייִדישע באַפֿעלקערונג איז געווען פֿאַרבײַ און געפֿילט אַז זייער גורל איז שוין אין גאַנצן קיין גורל נישט, האָבן זיי זיך פֿאָרט געקילט דאָס האַרץ זעענדיק ווי די ייִדישע אויסוואָרפֿן לויפֿן ווי די פֿאַרסמטע מײַז און ווילן זיך אויסבאַהאַלטן פֿון דער היטלעריסטישער שווערד.

און די פּראָצעסיע פֿון גרויסן געטאָ אין די פֿיר גאַסן אַרײַן איז געגאַנגען און געגאַנגען. ימים מענטשן אָן געפּעק און מיט געפּעק. מען איז געגאַנגען ערגעץ ווײַנען אויף דרײַ טעג און מען האָט נישט געוווּסט ווּ. אויפֿן וועג איז מען געפֿאַלן אין חלשות. אין מיטן גיין האָט מען אַוועקגעוואָרפֿן בעטגעוואַנט, וואַליזקעס — ס'איז שווער געווען צו טראָגן. און צו וואָס דאַרף מען דאָס טראָגן, אַז סײַ ווי סײַ גייט מען צו דער עקדה?

הונדערט און פֿופֿציק טויזנט אומגליקלעכע האָבן געשטראָמט ווי אַ צעשטורעמטער ים; פֿון דער לעש, קאַרמעליצקע, דזשיקע, נאָוואָליפּקע צו די זאַמלפּונקטן אויף סמאָטשע, גענשע, דזשיקע אאַ"וו. מען האָט זיך צעלייגט אין פֿרעמדע הייף, אין פֿרעמדע הײַזער, אויף פֿרעמדע שטיגן, פֿרעמדע קעלערס און אויף פֿרעמדע בוידעמער. פּונקט צען אַ זייגער זענען דורך דער דײַטשער זשאַנדאַרמעריע פֿאַרמאַכט געוואָרן די גאַסן פֿון וואַנען מען האָט געמוזט אַרויס. לויט אַלע סימנים זענען אין יענע גאַסן קיין ייִדן נישט געבליבן. נאָר אַזוי פֿיל מכות זאָלן זיך שטעלן היטלערן אין האַלדז וויפֿל ייִדן עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. אַ סך האָט מען געפֿונען און דערשאָסן אויפֿן אָרט. אַנדערע איז געלונגען אויסצומײַדן די קויל און זיי לעבן ביזן הײַנטיקן טאָג.

אין די פֿאַרלאָזטע וווינונגען האָבן גלײַך די היטלעריסטישע באַנדעס גענומען ראַבעווען. קיין טירן האָט מען נישט באַדאַרפֿט האַקן, אַלע שטובן זענען געשטאַנען אָפֿן — האָט מען געגזלט מיט אַ ברייטער האַנט. און דאָ אין דעם קעסל — סמאָטשע, גענשע, דזשיקע — האָבן זיך געשטיקט צענדליקער טויזנטער ייִדן מיט ווײַב און קינד — הונגעריקע, דאָרשטיקע, פֿאַרצווייפֿלטע און געוואַרט אויפֿן מישפּט.

און דאָס מישפּט איז געווען נישט צו באַשרײַבן און נישט נאָכצודערציילן.

די דײַטשן האָבן באַשלאָסן איבערצולאָזן אין וואַרשע נישט מער ווי פֿינף און דרײַסיק טויזנט ייִדן. פֿאַר די דאָזיקע פֿינף און דרײַסיק טויזנט זענען באַשטימט געוואָרן נומערן, וואָס סײַ די קהילה האָט אַרויסגעגעבן און סײַ די דײַטשע אונטערנעמונגען, ווּ ייִדן האָבן געאַרבעט.

צוויי מאָל הונדערט טויזנט ייִדן זענען ביז הײַנט שוין אָפּגעמעקט געוואָרן. איצט דאַרף מען אָפּרוימען די איבעריקע הונדערט און פֿופֿצן טויזנט און איבערלאָזן נישט מער ווי פֿינף און דרײַסיק טויזנט.

מען האָט זיי דאָ אַלע אַהער געטריבן. אַרײַנגעיאָגט ווי די סטאַדעס שעפּסן אָן דעם מינדסטן וואָרט פֿון פּראָטעסט, אָן דעם מינדסטן געשרײַ, אָן דעם מינדסטן רוף נאָך הילף, נאָך שוץ... און צו וועמען איז דאָ געווען צו רופֿן, וועמען האָט מען דאָ באַדאַרפֿט, אַז די ייִדישע קהילה האָט גלײַך אויפֿן אָרט רעדוצירט 75 פּראָצענט פֿון אירע באַאַמטע און אַזוי אַרום איבערגעגעבן זיי אין די הענט פֿון טויט. זיי האָבן קיין נומערן נישט באַקומען — די דאָזיקע באַאַמטע — נישט זיי און נישט זייערע משפּחות. אָן אַ נומער איז נישט געווען קיין אַנדערער אויסוועג: אָדער זעלבסטמאָרד, אָדער אומשלאַגפּלאַץ. אייניקע האָבן אויסגעקליבן דעם ערשטן וועג, און אויפֿן הויף פֿון דער ייִדישער קהילה, און אין די אויגן פֿון חברים און פֿרײַנד אַ סוף געמאַכט צו זייער לעבן. דער רוב, אָדער עטלעכע טויזנט מענטשן — מיט ווײַב און קינד האָט דער פּאָרזיצער פֿון ייִדישן ראַט אינזש' מ. ליכטענבוים, געוואָרפֿן פֿאַר די פּיס די היטלעריסטישע חיות.

אַזוי האָט אויך געטאָן דער באַשפּײַזאַמט, ווּ אברהם געפּנער דער איידעלער ייִד איז געווען פּאָרזיצער.

אַזוי האָט אויך געטאָן דער ייִדישער הילפֿס־קאָמיטעט, שוין אָפּגערעדט פֿון די דײַטשע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן באַשעפֿטיקט ייִדן...

אַלע די, וואָס האָבן געקריגן נומערן און אָנגעשפּילעוועט זיי אויף די קלאַפּעס אַזוי ווי פֿאַרברעכערס, זענען זוכה געווען צום „מי יחיה", אַלע איבעריקע, וואָס האָבן קיין נומערן נישט געקריגן (דער רוב מנין ורוב בנין) זענען אין איין אויגנבליק פֿאַרמישפּט געוואָרן צום „מי ימות".

דער „מי ימות" האָט זיך אָנגעהויבן זונטיק דעם 6טן סעפּטעמבער 1942 10 אַ זייגער אין דער פֿרי און געדויערט האָט ער ביז פֿרײַטיק דעם 11טן סעפּטעמבער, ערב ראש־השנה פֿאַר נאַכט.

אין פֿאַרלויף פֿון די דאָזיקע זעקס טעג האָבן די פּרײַסישע יונקערס אָפּגעמעקט פֿון דער ערד הונדערטער טויזנט ייִדן. ס'איז צוגעגאַנגען אָן גרויסע שוועריקייטן. האָט מען דאָך אַלע ייִדן צונויפֿגעטריבן אין דרײַ, צי אין פֿיר גאַסן. די גאַסן האָט מען אַרומגעצוימט מיט באַוואָפֿנטע זשאַנדאַרן, אַזוי ווי מיט אַ קייט. אויף יעדן טריט און שריט אַ ביקס. יעדע פֿאַר מינוט אַ קנאַל פֿון אַ קויל. די הונדערט און פֿופֿציק טויזנט ייִדן זענען געלעגן אין שטאַלן, אין שאַפֿעס, אונטערן הימל, ווּ ס'האָט זיך נאָר געלאָזט האָבן זיך די מענטשן געשטופּט — געשאָלטן איינער דעם אַנדערן, געזידלט, געגנבעט איינער בײַם אַנדערן עסנוואַרג — און ווי די בהמות געוואַרט ביז דער דײַטשער תלין וועט זיי פֿירן צו דער תליה. נישט ווי בהמות, נאָר ווי נישטיקע ווערעם. וואָרעם בהמות, ווען זיי דערפֿילן דעם אָטעם פֿון טויט, שרײַען זיי, ווערן זיי זיך, לאָזן זיי זיך נישט. אונדז ייִדן האָט היטלער דערפֿירט צו אַזאַ מדרגה, אַז אין אָנבליק פֿון אומקום האָבן מיר אַפֿילו נישט געשריגן, נישט געווערט זיך. ער האָט אונדז געהייסן גיין אין אַ שטײַג אַרײַן און מיר זענען געגאַנגען. אַ קליין הייפֿל האָט זיך אויסבאַהאַלטן, אָפּגעראַטעוועט זיך דערווײַל. אָבער 99 פּראָצענט ייִדן, צעטומלטע, צעמישטע, האַלב־משוגענע האָבן זיך געלאָזט פֿאַרנאַרן און אַליין איבערגעגעבן זיך אין די מערדערישע הענט.

און די מערדערישע הינט האָט געשניטן, אַזוי ווי מיט חלפֿים. זיי זענען געגאַנגען פֿון הויז צו הויז, אַזוי דײַטשן און אַזוי די אוקראַיִנער, מיט געשריי מיט שלאָגן איבערן קאָפּ, מיט רעוואָלווערשאָסן אַרויסגעטריבן אויף דער גאַס אַלע פֿאַרזאַמלטע סײַ די וואָס האָבן זוכה געווען צו קריגן נומערן און סײַ יענע וואָס האָבן צו די נומערן נישט זוכה געווען. אויף דער גאַס האָבן זיך אַלע געמוזט אויסשטעלן אין רייען, צו פֿינף מאַן אין אַ ריי. די היטלעריסטישע הענקערס זענען געשטאַנען מיט ראַפּניקעס אין איין האַנט, מיט רעוואָלווערן אין דער אַנדערער און געציילט. געציילט אַזוי לאַנג,

ביז ס'איז זיי נמאס געווארן. אין מיטן ציילן אפגעהאקט — איין טייל, די מיט נומערן, האט מען געהייסן אהיימגיין און די צווייטע טייל אן די נומערן האט מען גלייך ארומגערינגלט און היידא אויפן אומשלאגפלאץ, באגלייט מיט קוילן און מיט נאהייקעס.

אבער זאל מען נישט מיינען, אז אלע וואס האבן פארמאגט די נומערלעך האט מען אפגעלאזט. דאס האט זיך שוין געווענדט אין דעם דייטשן הענקער. אויב אימעצער איז אים נישט געפעלן מעג זיין מיט א נומער — האט ער אים ארויסגעשלעפט פון דער ריי, מערדערלעך געשמיסן איבערן קאפ און אפגעשיקט אים צו די פארמישפטע. אזעלכע נומערירטע זענען געווען אין די טויזנטער. אזוי ארום האט מען גערוימט טאג־איין טאג־אויס, פון זעקס א זייגער אין דער פרי ביז זעקס א זייגער פאר נאכט. מענטשן זענען געלעגן פארחלשטע, אן ברויט און אן וואסער. האט מען אימעצן געפונען באהאלטן, האט מען אים ארויסגעשלעפט אויף דער גאס, געהייסן אפגיין עטלעכע טריט און אין מיטן העלן טאג, ווען די זון האט געשיינט געשיקט אים א קויל אין קאפ אריין. האט אימעצער געפרווט אנטלויפן אדער צופעליק ארויסגערוקט זיך פון דער ריי — א קויל אין קאפ אריין. די דייטשע אויסוואורפן, אנגעפרעסענע מיט אונדזער בלוט, צוזאמען מיט די אוקראינישע באנדיטן זענען געקראכן אויף בוידעמער און אויף דעכער און אויפגעריסן די דעכער מיט האנטגראנאטן, טאמער באהאלטן זיך דארט אימעצער.

איין גרויסע קופע מיסט און איין גרויסער טייך בלוט איז געווארן פון אלע הייף, פון אלע שטיבער, פון אלע טויערן. אלע טאג האט מען ארויסגעפירט צענדליקער טויזנטער מענטשן; א סך האט מען ארויסגענארט מיטן צוזאג אז זיי זענען פריי און גייען אהיים. אנדערע זענען אריינגעפאלן, אזוי ווי מידע פליגן, הארבסטצייט, ווען די כוחות זייען זיי שוין אוים.

אויף דער גאס האט מען געקאנט זען: פון איין זייט יאגט מען צום טויט צענדליקער טויזנטער פארפייניקטע, אויסגעהונגערטע, דארשטיקע מענטשן און פון דער אנדערער זייט פארן ארום די יידישע עגלה־וואגנס און קלויבן אויף די דערשאסענע. נישט אין ווייסע לײַלעכער וויקלען זיי הרוגים און נישט אין תכריכים טוט מען זיי אן, נאר מען שלעפט זיי, ווי נבלות, ביי די הענט און ביי די פיס — און מעןווארפט זיי אריין אין די וואגנס, אדער אויף די וואגנס ארויף.

עגלה־וואגנס ווערן נישט אנגעפירט דורך קיין פערד, נאר דורך מענטשן, שווארצע עגלה־יידעלעך, מרדכי פינקערטס לייבגווארדיע שלעפן די הרוגים. צו פינף און צו צען אין איין קאסטן. פרויען, מענער, קינדער, אלץ צוזאמען. פון די וואגנס רינט בלוט. דאס בלוט צייכנט דעם וועג, אזוי ווי מיט רויטע שנירן.

די עגלה יידעלעך זענען גלייכגילטיק צו דער גרויסער בראך. אין אנבליק פון טויט, אין אנבליק פון פארגליווערט בלוט, אין אנבליק פון קינדערשע מארכן, וואס וואלגערן זיך אויף די שטיינער — פירן זיי נישט אוועק די הרוגים גלייך אויפן בית־עולם — נאר פארפארן צו ערשט מיט די עגלות אין זייטיקע טויערן אריין, פארמאכן זיך דארט אויף זיבן שלעסער און ציען אראפ פון הרוג די מלבושים. זוכן אין די פארבלוטיקטע מיט מארך פארשפריצטע קעשענעס, גזלן צו געלט, זייגערלעך, פינגערלעך (יעדער איינער האט דאך עפעס מיטגענומען). דאס געלט קלעפט זיך פון בלוט, פון די זייגערלעך רינט בלוט, פון די פינגערלעך טריפט בלוט, אבער די עגלה־יידעלעך שרעקט דאס נישט אפ. ערשט שפעטער, ווען מען האט שוין אפגעטאן די הרוגים זייער רעכט, ווארפט מען זיי צוריק ארויף אין וואגן און מען שלעפט זיי אויפן בית־עולם.

אויך דא וויקלט מען זיי נישט אין קיין ווייסע לײַלעכער, און מען ציט נישט ארויף אויף זיי קיין תכריכים, נאר אזוי, ווי זיי שטייען און גייען ווארפט מען זיי אריין אין א גרויס ברידער־קבר, מענער מיט פרויען צוזאמען אן אויסנאם. קיינער וועט נישט וויסן ווו זייערע ברידער געפינען זיך, און קיינער וועט נאך זיי קיין קדיש נישט זאגן. צו אזא מדרגה, צו אזא שפלות און פארברעכערישקייט האט היטלער דערפירט א גרויסן טייל פון פוילישן יידנטום.

ער האט געפירט דערצו, אז דריי מאל הונדערט טויזנט ווארשעווער יידן האבן אויסגעשטרעקט צו אים דעם האלדז און אן דעם מינדסטן געשריי אן דעם מינדסטן קאמף געזאגט:

— שעכט אונדז!

און ער האט געשאכטן.

אין פארלויף פון די זעקס טעג, ד"ה פון 6טן ביזן 11טן סעפטעמבער 1942, האבן די דייטשע באנדיטן אויסגערוימט פון ווארשע גאנצע הונדערט טויזנט מאן. דער אומשלאגפלאץ איז יעדן טאג איבערגעגאנגען פון צענדליקער טויזנטער פארפייניקטע. מען האט נישט געהאט ווו צו זיצן און נישט געהאט ווו צו שטיין, די וואגאנען האבן זיך געבראכן פון מענטשן. די געשרייען מיט די יללות האבן געשפאלטן די הימלען. אין די 6 פינצטערע טעג האבן די געסטאפא־רויבערס אויסגעשאסן אין ווארשע אן ערך פון צען טויזנט מאן — מענער, פרויען און קינדער. די איבעריקע ניינציק טויזנט מאן זענען אוועקגעשיקט געווארן אויף אונטערגאנג.

פון 22טן יולי ביזן 11טן סעפטעמבער, ד"ה פון תשעה־באב ביז ערב ראש־השנה, האט געדויערט די שחיטה. אין פארלויף פון דריי און פופציק טעג האט די היטלעריסטישע בעסטיע אומגעברענגט א קיבוץ פון דריי מאל הונדערט טויזנט יידן. צווישן די דריי מאל הונדערט טויזנט יידן זענען געווען אן ערך פון הונדערט און פופציק טויזנט קינדער. אונדזערע קינדער, אונדזער צוקונפט, אונדזער ווייטערדיק לעבן. אונטערגעשניטן, אויסגעווארצלט אונדז אן דעם מינדסטן איינזען.

א וויסטע בראך איז צו אונדז, אז פון דריי מאל הונדערט טויזנט אונדזערע ברידער זענען געבליבן אן ערך פון פופציק טויזנט. די ערגסטע זענען געבליבן, די גרעבסטע, דאס ערב־רב. פינף און דרייסיק טויזנט האבן געמוזט בלייבן אפיציעל. פאר זיי וועלן די דייטשן געבן א פערטל קילא ברויט א טאג און א וואסערדיקע זופ. די איבעריקע פופצן טויזנט גייען ארום ווי די מתים. זיי האבן נישט קיין נומערלעך. זיי זענען אזוי ארום אומלעגאל און וועלן נישט קריגן נישט קיין כזית ברויט און נישט קיין לעפל זופ. זיי האבן נישט ווו צו וווינען. וואלגערן זיך ערגעץ אויף בוידעמער, אונטערן פרייען הימל און פאכן מיט דער נשמה, אז אט־אט כאפט מען זיי און מען ברענגט זיי אום.

היינט, ווען איך האלט ביים ענדיקן די דאזיקע שורות, איז שוין הושענה־רבה. דאס שווארצע קוויטל האבן מיר ארויסגעצויגן תשעה־באב. וואס מיט אונדז וועט זיין ווייטער, ווייסן נאר די געסטאפא־לייט. דערוויל ווערט דאס געטא פון טאג צו טאג ענגער. מען האט אונדז ארויסגעטריבן פון דער לעש, פון נאוואליפיע, נאוואליפקע, אייזן־גאס, טווארדע ראיאן, דזשעלנע און אריינגעווארפן אונדז אין א שטיקל דזשיקע, א שטיקל נאלעווקעס, וואלינסקע־גאס, מילע, פוריסאווער פלאץ און שוין, דא דארפן מיר דער־

שטיקט און דערוואָרגן ווערן. מען מויערט אונדז אויף ס'ניי אַרום — די מויער וועט גיין אין מיטן גענשע, פראַנטשישקאַנער־גאַס ביז דער באָניפראַטן־גאַס — אַ שטח ווו מיר וועלן נישט קאָנען דעם אָטעם כאַפּן. די ייִדישע קהילה שטעלט די נייַע מויער. זי שטעלט די מויער מיט ייִדישע הענט, מיט ייִדישע מענטשן, וואָס זי רופט אויף דער גאַס, אָדער שלעפּט אַרויס פון די שטובן.

אַלץ טוט די ייִדישע קהילה מיטן פּרעזעס ליכטענבוים בראש. זי איז, אייגנטלעך, געשאַפן געוואָרן דערויף, זי זאָל אומברענגען דרייַ מאָל הונדערט טויזנט ייִדן.

דרייַ מאָל הונדערט טויזנט מענטשן האָבן נישט געהאַט דעם מוט צו זאָגן „ניין". יעדער איינער האָט געוואָלט ראַטעווען נאָר זיך. אַפילו אַן אייגענעם טאַטן האָט מען מקריב געווען, אַן אייגענע מאַמע, אַן אייגן ווייַב און אייגענע קינדער.

די ייִדישע אַרבעטערשאַפט, דער איינציקער כוח וואָס האָט זיך אפשר געקאָנט און געוואַגט אַנטקעגנצושטעלן, איז אויסגעשטאָרבן פון הונגער און פון טיפוס... די פירערס פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט זענען אומגעקומען.

זענען דרייַ מאָל הונדערט טויזנט ייִדן געגאַנגען צו דער שחיטה, ווי שעפּסן.

טשערניאַקאָוו האָט נישט געהאַט דעם מוט און די דרייסטקייט צו זאָגן פאַרן טויט — פאַרטיידיקט אייַך, לאָזט אייַך נישט אויסשעכטן — זענען דרייַ מאָל הונדערט טויזנט ייִדן געגאַנגען צו דער שחיטה, אַזוי ווי די שעפּסן.

מיט וואָס וועט זיך פאַרענטפערן די גרעסטע ייִדישע קהילה אין אייראָפּע?

און פאַרטיידיקן זיך, נישט לאָזן זיך שעכטן ווי די נאַרישע אָקסן, האָט מען געקענט. ווען אַלע ייִדן גייען אַרויס פון די הייַזער, ווען אַלע ייִדן רייַסן זיך אַדורך דורך די מויערן (דאָס איז זייער גרינג געווען), ווען מען פאַרפלייצט אַלע ווארשעווער גאַסן — די ייִדישע און נישט־ייִדישע מיט געשריי, מיט העק, מיט שטיינער, מיט האַקמעסערס, וואָלט מען פון אונדז אויסגעשאָסן צען טויזנט, צוואַנציק טויזנט — דרייַ מאָל הונדערט טויזנט מענטשן מיט אַ מאָל וואָלט ער נישט אויסגעשאָסן. מיר וואָלטן געשטאָרבן אַזוי אַרום מיט כבוד. די וואָס וואָלטן געבליבן בייַם לעבן וואָלטן זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד אין אַלע שטעטלעך, אין אַלע דערפער — אַזוי גרינג אונדז אויסצוראָטן וואָלט דעם היטלערישן רוצח נישט אָנגעקומען.

שענדלעך איז געווען דער אומקום פון גרעסטן ייִדישן קיבוץ אין אייראָפּע. אַ שענדלעכע ראָלע האָט דערבייַ געשפּילט די גרעסטע ייִדישע קהילה אין אייראָפּע, ווו עס זענען געשטאַנען מענטשן וואָס זענען ווערט געווען מען זאָל יעדן איינציקן אויפהענגען אין מיטן גאַס אויף אַ לאַמטער.

די צעבראָכנקייט, דער פּחד פאַרן אייגענעם לעבן איז אַזוי ווייַט דערגאַנגען, אַז קיינער פון דרייַ מאָל הונדערט טויזנט ייִדן האָט אַפילו נישט געהאַט דעם כוח אויסצוהאַקן די ציין כאָטש דעם ערשטן בעסטן ייִדישן פּאָליציאַנט, אָוועקלייגן אַ טויטן אַזאַ ייִדישן מנוול. אַפילו צו אַזאַ טאַט האָבן די ווארשעווער ייִדן נישט געקאָנט דערגיין.

אויב אַ קיבוץ פון דרייַ מאָל הונדערט טויזנט ייִדן האָט זיך נישט געפּרוּווט אַנטקעגנצושטעלן אין דער קלענסטער מאָס, אויב מען האָט אַליין אויסגעשטרעקט דעם האַלדז אונטערן חלף, אויב מען האָט קיין איין דייַטשן רוצח דערבייַ נישט אומגעברענגט, קיין איין ייִדישן מנוול נישט אָוועקגעלייגט — איז אַזאַ דור ייִדן אפשר ווערט געווען דעם פינצטערן גורל.

אָט אַזוי איז חרוב געוואָרן דאָס ייִדישע ווארשע. חרוב ומוחרב. די בראָך איז גרעסער ווי מען קאָן זיך פאָרשטעלן. דער, וואָס האָט עס מיטגעמאַכט אייגענעם בלוט נישט איבערגעלעבט, דער וועט עס נישט באַגרייַפן. דאָס אַלץ וואָס איז דאָ באַשריבן געוואָרן איז אַ טראָפּן אין ים. ס'איז נישטאָ די פעדער וואָס זאָל עס קאָנען אַרומנעמען אין גאַנצן גרויל.

אונדזער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט וועט דורות לאַנג שרייַען פון דער ערד. זאָלן די, וואָס וועלן בלייַבן, נישט קיין חילוק ווו זיי וועלן זיך געפינען, נעמען נקמה. די דאָזיקע ווערטער זאָלן זייַן אַן אָנהייב פאַר די, וואָס בלייַבן און קאָנען נקמה נעמען.

3־8 — 10־2, 1942



ד״ר עמנואל רינגעלבלום

# די שינאה צו דער פּאָליציי

ווי לאַנג עס האָט געדויערט די „אַקציע" (אַזוי האָט מען גערופן די שחיטה פון די וואַרשעווער ייִדן) אַזוי לאַנג האָט דער עולם געשוויגן. מען האָט זיך געלאָזט פירן ווי שאָף צום שעכט־הויז. עס איז מיר באַקאַנט, אַז טרעגערס פון צענטאָס־מאַגאַזין, ריזן, וואָס האָבן נישט איין מאָל באַוויזן דעם כוח אין דער צײַט פון סכנה, האָבן זיך בשעת דער „אַקציע" געלאָזט פירן ווי לעמעלעך. דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן וועגן דעם רוב מאַנסבילן און פרויען גענומענע אויפן „אומשלאַג" בשעת דער „אַקציע". דאָס וועט בלײַבן אַן אייביקע רעטעניש — אָט די דאָזיקע פּאַסיווקייט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אויך לגבי דער אייגענער פּאָליציי. איצט, ווען דער עולם האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט און מען מאַכט דעם סך־הכל פון דעם פאָרגעקומענעם, דערוועקט זיך דאָס געפיל פון בושה, וואָס מען האָט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד אפילו דער אייגענער פּאָליציי. מען דערמאָנט זיך ווער איז געווען שולדיק אין דער מאַסן־שחיטה און מען קומט צו דער איבערצײַגונג, אַז אַ סך שולד איז דאָ פון דער ייִדישער פּאָליציי. מאַנכע באַהויפּטן אפילו, אַז די איינציקע שולדיקע אין דעם אַלעם זענען ייִדישע פּאָליציאַנטן. און איצט נעמט מען נקמה דערפאַר. בײַ יעדער געלעגנהייט דערמאָנט מען די ייִדישע פּאָליציאַנטן זייער חטא. יעדער פּאָליציאַנט מיט וועלכן איר רעדט איצט איז גאָט די נשמה שולדיק. ער האָט קיין מאָל נישט אָנטייל גענומען אין דער אַקציע. ער איז געווען צוגעטיילט צו דער אָדער צו יענער אינסטיטוציע. אין בעסטן פאַל האָט ער געראַטעוועט פון אומשלאַג מענטשן, געכאַפּט האָבן אַנדערע — נישט ער. לויט די דאָזיקע שמועסן קומט אויס, אַז די וואָס האָבן געכאַפּט אויפן אומשלאַג, זענען גאָר צוגענומען געוואָרן אין פאַרשידענע לאַגערן אָדער קיין טרעבלינקע, בשעת מיר ווייסן, אַז געווען איז פונקט קאַפּויער. די פריִער און גמיינע חברה צווישן דער פּאָליציי איז געבליבן צווישן די 300 פּאָליציאַנטן וואָס היטן הײַנט די אָרדענונג אין געטאָ, דערקעגן אַנדערע, די ווייניקער פיפיקע, וואָס האָבן נישט געהאַט גענוג געלט און פּראָטעקציע, זענען אַוועק אָדער קיין טרעבלינקע אָדער אין פאַרשידענע לאַגערן, ווי לובלין.

ווי איך האָב פריִער דערמאָנט, איז איצט געקומען די צײַט פון חשבון הנפש. די צײַט פון רעפלעקסן איבער דעם געשעענעם. מען וויל נעמען נקמה אין די שולדיקע. אַ געהיימע האַנט האָט אַוועקגעלייגט לייקינען, וואָס איז דער הויפּטשולדיקער אין דער איבערזידלונג. אויף שריט און טריט דערמאָנט מען דער ייִדישער פּאָליציי איר שולד אין דער איבערזידלונג. מען פאַרפאָלגט די ייִדישע פּאָליציי ווו מען קען נאָר. אויסער די ייִדן, ווײַזן אַרויס די דאָזיקע שינאה די פּאָליאַקן. די געוועזענע ייִדישע פּאָליציאַנטן, וואָס אַרבעטן אין דער טראַמוויי־רעמיזע, ווערן כסדר פאַרפאָלגט דורך די פוילישע אַרבעטער. אין רעמבערטאָוו ווערן זיי פאַרפאָלגט אפילו דורך דײַטשע זעלנער. אין אַ סך שאָפּן זענען געווען פּראָטעסטן קעגן דעם אַרײַננעמען פּאָליציאַנטן אין דעם ווערקשטאָט אָדער פאַבריקן. אין אַ געוויסן שאָפּ האָט מען אַדורכגעפירט אַ באַשלוס, אַז אַלע געוועזענע פּאָליציאַנטן זאָלן באַזײַטיקט ווערן פון שאָפּ. מיר איז באַקאַנט אַ פאַקט, אַז געוועזענע פּאָליציאַנטן פון אַ געוויסער פּלאַצוווקע טראָגן די היטלעך ביז צו דער וואָך, ווײַל אין געטאָ איז דאָך אַ „היטל" חשוב. אויסערן געטאָ טוען זיי אויס די היטלען, ווײַל דאָרט האָבן זיי שוין מורא פאַר דעם פוילישן עולם, וועלכער האַסט דעם ייִדישן אָרדענונגס־דינסט פאַר זײַנע אויפטוען. אַ זון האָט דערקענט אין גאַס אַ פּאָליציאַנט וועלכער האָט צוגענומען זײַנע עלטערן בשעת דער איבערזידלונג, איז ער אויף אים אָנגעפאַלן. אין שאָפּ פון האַלמאַנען האָט די הילפס־קאָמיסיע בשעת דער איבערזידלונג צוגעטיילט אַן אונטערשטיצונג פאַר אַ קראַנק געוואָרענעם פּאָליציאַנט. די אויפרעגונג קעגן דער הילפס־קאָמיסיע איז אין לשער. און אַזוי אויף שריט און טריט, געוועזענע פּאָליציאַנטן ווערן גערודפט אויף שריט און טריט.

מען דערמאָנט כסדר די מעשים־תעתועים פון דער ייִדישער פּאָליציי פון דער צײַט פון איבערזידלונג. עס ווערט דערציילט פאָלגנדיקער פאַקט: אויף לעשנאָ 50 איז דערהרגעט געוואָרן אַ ייִד. ער איז געלעגן פאַרן טויער. זענען געקומען 2 קברנים מיט אַן עגלה צוצונעמען דעם מת. גראָד דעם טאָג זענען די פּאָליציאַנטן אַרומגעגאַנגען ווי פאַרסמטע, ווײַל יעדער האָט דעם טאָג געמוזט צושטעלן 5 „קעפּלעך". אַנישט האָט מען געדראָעט צוצונעמען די פּאָליציאַנטן מיט זייערע פאַמיליעס. נישט לאַנג טראַכטנדיק האָט דער פּאָליציאַנט צוגענומען די 2 קברנים, איבערלאָזנדיק אויף הפקר דעם מת אין מיטן גאַס. אַ צווייטער פאַקט האָט פּאַסירט אויף לעשנאָ 24. אַ 16יעריקער זון פון אַ בעקער האָט געשלאָגן אַ פּאָליציאַנט וועלכער האָט געוואָלט צונעמען זײַן מוטער. דער בחור האָט צעריסן דעם פּאָליציאַנט די קורטקע. מען האָט דעם ייִנגל אַרײַנגענומען אויפן הויף פון הויפּט־קאָמענדע פון פּאָליציי, דאָרט אים געגעבן 25 שמיץ, צוליב וועלכע ער איז געשטאָרבן.

אַן אַנדערער נישט ווייניקער שרעקלעכער פאַל האָט פּאַסירט בשעת דער איבערזידלונג. אַ פּאָליציאַנט איז אַרײַנגעקומען אָדער ריכטיקער געזאָגט האָט זיך אַרײַנגעריסן אין אַ וווינונג. אַלע לאָקאַטאָרן האָבן זיך ערגעץ ווו פאַרשטעקט. געבליבן איז בלויז אַ 3חדשימדיק קינד אין וויג. נישט לאַנג געטראַכט האָט דער פּאָלי־

ציאַנט געבראַכט דעם דײַטש וואָס איז געשטאַנען אויפן הויף און אָנגעפירט מיט דער אַקציע. דער דײַטש איז אַרײַנגעפאַלן אין גרימצאָרן, הלמאי ער ברענגט אים אַזעלכע קרבנות, גוט אָנגעשלאָגן דעם פּאַליציאַנט און דאָס קינד דערשאָסן. דעם דאָזיקן פאַקט האָב איך געהערט פון פאַרשידענע זײַטן אַלס הונדערטפּראָצענטיקן.

ווען די פּאַליציאַנטן אויפן אומשלאַג ווערן דערציילט פאַרשידענע שוידערלעכע דערציילונגען. פאַר זיי האָט נישט עקסיסטירט קיין מענטש, נאָר אַ „קעפּל" (łepek — פון וואָרט łep) , פאַר וועלכן מען קען נעמען אויסלייזגעלט. אויסלייזן האָט מען זיך געקענט נאָר פאַר געלט, בריליאַנטן, גאָלד אד"גל. דער פּרײַז פון אַ קעפּל איז געווען פאַרשידן. לכתחילה 1.000—2.000 זל', שפּעטער מער, ביז וואַנען עס איז דערגאַנגען צו 10.000 זל' פאַר אַ קעפּל. די הייך פון דער סומע איז אָפּהענגיק געווען פון אַ גאַנצער ריי סוביעקטיווע און אָביעקטיווע מאָמענטן. די ייִדישע פּאַליציאַנטן האָבן אין שותפות געמוזט טיילמאָל אַרײַנציִען די „יונאַקעס" (אייגנטלעך „זאָנדערדינסט" — אַ מין פאָרמאַציע פאַרן געטאָ, דער רוב צוזאַמענגעשטעלט פון פאָלקסדײַטשן. זיי זענען אונטערליגן דעם קאָמיסאַר פון געטאָ), וואָס האָבן געהאַלטן דינסט בײַם אומשלאַגפּלאַץ. קיין רחמנות האָבן די ייִדישע פּאַליציאַנטן נישט געהאַט. האָט עס געמעגט זײַן די ווערטפולסטע פּערזאָן, אויב זי האָט נישט געהאַט קיין אויסלייזגעלט אָדער קרובים וואָס זאָלן די געפאָדערטע סומע באַצאָלן, האָט מען אַזאַ פּערזאָן אַוועקגעשיקט. עס זענען באַקאַנט פאַלן ווען פּאַליציאַנטן האָבן אויסער געלט אויך פאַרלאַנגט אַן אָפּצאָל אין נאַטור: דאָס לײַב פון פרויען. מײַן פרײַנד קלמן זילבערבערג זענען באַקאַנט די נומערן פון די פּאַליציאַנטן און די נעמען פון די פרויען וואָס האָבן באַצאָלט פאַר זייער באַפרײַונג מיט זייער קערפּער. פאַר דעם צוועק האָבן די פּאַליציאַנטן געהאַט אין שפּיטאָל אַ חדר מיוחד. בכלל איז די פּאַליציאַנטן נישט געווען צו דערקענען בשעת דער אויסזידלונג. מען האָט זיי כסדר אויפגעהעצט קעגן די ווידערשפּעניקע וואָס לאָזן זיך נישט אויסזידלען. מען האָט זיי כסדר געדראָעט מיט צונעמען זיי און זייערע פרויען און קינדער אויפן אומשלאַג. דעמאָראַליזירט זענען זיי געווען פון פריִער. די געכאַפּטע אויפן אומשלאַג, באַזונדערס פרויען, האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געשאַפן אַן אוממעגלעכע אַטמאָספער פאַר די פּאַליציאַנטן, וועלכע האָבן געווילדעוועט און אָפּגעטאָן שרעקלעכע זאַכן.

ד דעצעמבער 1942

(צווייטער טייל פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו)



יחיאל גורני

# אַקציע נומער 2

שוין 10 טעג אַריבער פון יענעם אומדערוואַרטעטן מאָנטיק דעם 18 יאַנואַר 1943. צען טעג פול מיט קאָשמאַרן, מורא, שרעק און ציטער פאַר דעם נישט זיכערן מאָרגן.

פאַרטריבן פון די אייגענע געטאָ ד׳עמות*), צעבראָכן, פאַר־לוירן אויך דאָס, וואָס איז נאָך פון יענע שרעקלעכע טעג 6—9 נאָוועמבער 1942 געבליבן, וואַלגערן מיר זיך אַרום צווישן פרעמדע, ווי די ווילדע מורא האָבנדיק אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ. צווישן פרייַנד און באַקאַנטע זיך באַזעצט, נישט געקוקט אויף קרומע מינעס פון די בעלי־הבתים, זיצן מיר שוין באַלד אַ וואָך צייַט בייַ די „שטשאָטקאַזשעס", געניסן פון דער גאַסטפרייַנדלעכקייט פון באַקאַנטע אָן אַ וועלכע ס׳איז פּערספּעקטיוו אויף מאָרגן.

אָבער צו וואָס רעפלעקסן — לאָמיר איבערגעבן די פּאָר טעג אין זייער גאַנצער נאַקעטקייט, אָרעמקייט און העלדישקייט פון די איבערגעבליבענע ייִדישע רעשטלעך.

אָבער בעפאָר אַ קליינער עפּיזאָד. נעכטן ד. 22/1 1943 האָב איך אין אַ געשפּרעך געהערט פאָלגנדיקע ווערטער: „ווען אין די יולי טעג 1942, אין אָנהייב פון דער אויסזידלונגס אַקציע, וואָלטן ייִדן געכאַפּט פאַר געווער, געפּרוּווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, דער־הרגעט אַ פּאָר דייַטשן, געצוווּנגען די ייִדישע כוליגאַנעס (פּאָליציי) נישט נעמען קיין אַקטיוון אָנטייל — און ס׳וואָלטן דאַן טויזנטער ייִדן געפאַלן פון די דייַטשע קוילן — וואָלטן אַנדערע ייִדן געזאָגט: צוליב אײַער נאַרישער העלדישקייט איז דאָס געשען — אָבער אַז אַזאַ ווידערשטאַנד וואָלט אָפּגעהאַלטן אין אַ גרויסער מאָס די אַקציע, דאָס איז קיינעם אין קאָפּ נישט אַרייַן.

הייַנט, ווען אויף קנאַפּע 6.000 אַרויסגעשיקטע זענען געווען 1.000 ייִדישע קרבנות אויף 12 דייַטשן, האָט די געזעלשאַפט ענדלעך פאַרשטאַנען די העלדישקייט פון די „נאַרישע" ייִנגלעך, אַזוי האָט געזאָגט אַ פּראָסטער ייִד אין אַ געשפּרעך. ס׳איז זונטיק ד. 17/1 1943, ווי געוויינלעך אַ פרייַער אַרבעטס־טאָג. אין געטאָ אַ גערויש, אַ געפילדער. ייִדן, צי זיי דאַרפן, צי נישט, הגם דער פראָסט איז גרויס, שפּאַצירן איבער די גאַסן פון די ענגע געטאָ־מויערן.

אינערהאַלב די בלאָקן קען מען זיך באַרירן לענגער. נייַן אַ זייגער אין אָוונט גייט מען נאָך פון הויז צו הויז פּאָרזיכטיק, מען כאַפּט אַ שמועס מיט אַ שכן, טייל מאָל אַפילו אויך אַ קערטל, און אַזוי גייט דאָס לעבן אין געטאָ נאָך יענע גרויזאַמע סעלעקציע־טעג.

מאָרגן וועלן אַלע, ווי נאָרמאַל, גיין אין די שאָפּן אויף די פּלאַצוווקעס אַרבעטן, אויספירן די קנעכטישע דינסט פאַר דעם אייביקן שונא. און — נישט ריכטיקנדיק זיך אויף קיין שום שלעכטס לייגן מיר זיך שלאָפן.

דער זייגער ווייַזט 5,45 פרי ד. 18/1 1943. איך טו זיך אָן און גרייט זיך גיין אין שאָפּ, צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרופּע אויף גענשע 30, איך הער, ס׳איז 6,30, ווי אונדזער פּלאַצוווקע, וואָס אַרבעט אין געריכט אויף לעשנאָ, גייט אַרויס פון בלאָק. פּלוצ־לינג פאַלט אַרייַן, פאַרסאָפּעט אַ שכנה. „וואָס, איר ליגט נאָך אין די בעטן. ווענדט זי זיך צו מייַנע מיטוווינער, די גאַס איז אַרומגע־רינגלט מיט זשאַנדאַרמעריע, די פּלאַצוווקעס לאָזט מען נישט אַרויס פון געטאָ, אַ בלאָקאַדע, זיכער אַן אַקציע".

אין שטוב ווערט אַ טומל, אַ גערודער, דער אויספיר — מען דאַרף זיך באַהאַלטן און מיר קריכן אַלע אַרייַן אין סכראָן.

7,30 דערהערט זיך דער ערשטער שאָס — דאָס גיט מען אונדז צו וויסן אַז די אַרבעט הייבט זיך אָן, און שוין 8,15 זענען זיי בייַ אונדז אין הויז. ווי די מייַז זיצן מיר שטיל אין דער נאָרע. עס דערהערט זיך דאָס אויפהאַקן טירן — רויִק, פּלאַנמעסיק אָן געהייַל טוט עס דער דייַטש בייַ אונדזער טיר, אויפגעעפנט, אַרייַן אין דער וווינונג, גענומען זוכן אין די שענק, טאַפּטשאַנעס, קיינעם נישט געפונען, אונדזערע הערצער קלאַפּן פאַר שרעק, זיי זאָלן אונדז נאָר נישט אַנטדעקן, אויסגעהאַקט אַ שויב אין פענצטער און אַרויס פון שטוב. מיר עטעמען אָפּ, אָבער וועגן אַרויסגיין אין נישטאָ קיין רייד, זיי באַאַרבעטן דעם גאַנצן בלאָק. זיצן מיר טאַקע אייַנגע־פּרעסט ווי די הערינג און וואַרטן. פון צייַט צו צייַט הערן זיך שאָסן, מיר ווייסן נאָך נישט וואָס זיי באַדייַטן. די אַקציע דויערט אין בלאָק ביז 4 נ"מ, ערשט אַרום 5 שטעקן מיר אַרויס די קעפּ. אין גאַס אַ טויטע שטילקייט, מען זעט נישט קיין לעבעדיקן מענטש. מער דרייַסטע שטעלן אייַן, גייען אַראָפּ ביז מילע 64 עפּעס געוווּר ווערן — עס ווייַזט זיך אַרויס אַז אין דער אַקציע האָבן זיך באַ־טייליקט אויך ייִדישע פּאָליציי, אָבער שוין נישט אַזוי אַקטיוו ווי אין די ערשטע יולי־טעג. זיי האָבן זיך באַנוגנט בלויז מיט מיטגיין.

מיר ווערן געוווּיר אַז די גאַנצע פּלאַצוווקע פון סאָנד איז אַוועק־געפירט געוואָרן אויפן אומשלאַג, אויך דערוויסן מיר זיך אַז די גאַנצע דירעקציע פון אב"ו איז צוגענומען געוואָרן. ה׳ י. לאַנדאָ האָט צוזאַמענגענומען אַ ביסל אַרבעטער און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אין פאַבריק (שאָפּ). אויפן וועג איז די גאַנצע גרופּע פאַרהאַלטן געוואָרן און אָפּגעפירט אויפן אומשלאַג, פון וועג זענען עטלעכע מאָן אַנטלאָפן, צווישן זיי אויך אַלעקסאַנדער לאַנדאָ, וועלכער האָט

*) די אמות — דער גרייַז איז בייַ גורנין אין טעקסט.

זיך באלד פארשטענדיקט מיט דער פוילישער דירעקציע און מיט גרויס מי איז געלונגען זיין ברודער יוזעף ארויסצונעמען. די רעשט איז אוועק קיין טרעבלינקע, חוץ די וועלכע זענען באלד פון אומשלאג אנטלאפן, א סך זענען פון וועג, שפרינגענדיק פון וואגאן, געקומען. איינער פון אונדזערע סטאליערעס, חיים סרעברניק, איז כמעט שוין געווען אויף דער סטאציע טרעבלינקי.

א באזונדער קאפיטל דארף פארנעמען דער העלדישער ארויסטריט פון דער גרופע אויף מילע 61. דא איז געפאלן דער ערשטער שאס, וועלכער האט אפשר גורם געווען צו דער ווייטערדיקער פארטיידיקונגס־אקציע. עס איז דארט ראנירט פארוואונדעט געווארן איין זשאנדארם (ווי מען האט שפעטער געזאגט, איז ער געשטארבן), דערקעגן זענען אויפן קאמפספלאץ געפאלן 5 יידן, צווישן זיי עמילקע לאנדא (די טאכטער פון אלעקסאנדער) און ליבערמאן. א ווערקשוץ פון אב״ו אויף מילע 61 האבן די דייטשן אין דעם קעלער געווארפן א האנטגראנאט.

דינסטיק דעם 19טן יאנואר, 6 אז' פרי, זענען מיר שוין געזעסן באהאלטן. די אקציע איז אבער געגאנגען ווייטער, דאס מאל אין געטא אויף מוראנאווסקע, ניזקע און אנדערע גאסן.

ביי אונדז אין בלאק אי זגעווען שטיל, אבער די שרעק איז נאך געווען גרויס, ווייל די ווערטערפאסונג האט גענומען באלד ארבעטן, און דאס האט געדראעט מיט אנטדעקן די באהעלטעניש און דערשאסן ווערן.

אויף יעדער אבער צרה געפינען יידן אן אויסרייד, און אזוי ווי די גרופע האט געארבעט אין הויז מילע 61, האט מען אויסגעטייטשט אז מען נעמט ארויס די זאכן בלויז פון די וווינונגען פון די ה״ה ליבער און א. לאנדא. ס'האט זיך אבער שפעטער ארויסגעוויזן אז זיי האבן באקומען א באפעל אויסצוראמען די הייזער מילע 61, 64, 67.

דאס הויז 64 האט זיך אפגעקויפט ביים יידישן גרופן־פירער פאגעל פאר 75.000 זל. ביזן היינטיקן טאג איז די ווערטעפאסונג דארט נאך נישט געווען, הגם אלע אנדערע הייזער אין בלאק זענען שוין באארבעט געווארן. דינסטיק דעם 19טן יאנואר האב איך זיך דערוווּסט וועגן שטעלן א ווידערשטאנד אין ערשטן טאג, ד״ה דעם 18טן יאנואר 1943 אויף מילע 34 און ניזקע ראג זאמענהאף.

אויף ניזקע איז געקומען צו א גרויסער שיסעריי. פון א קליין הילצערן הייזל האבן דריי יונגעלייט ארויסגעשאסן צו די מארשירנדיקע גרופן דייטשן. די שאסן האבן געמאכט דעם איינדרוק ווי פון מאשין־געווער. ס'זענען דארטן געפאלן 4 דייטשן. און ערשט נאכן אונטערצינדן דאס הייזל האט די דייטשע גרופע געקענט מארשירן ווייטער — די יידישע העלדן זענען געפאלן אין די פלאמען פון דעם ברענענדיקן הויז.

מיטוואך דעם 20טן יאנואר איז אין אונדזער געגנט שוין געווען כמעט רויק, אין בלאק האט מען זיך שוין באוויגן, דערקעגן איז די אקציע פארגעקומען אויף לעשנא, ווו פון הויז 78 זענען געפאלן שאסן. די דייטשן האבן זיך פון דעם הויז צוריקגעצויגן, אבער פון אנדערע הייזער האבן זיי ארויסגענומען עטלעכע הונדערט יידן, פון וועלכע ביז 150 מאן זענען באלד אויפן אומשלאג דערשאסן געווארן.

דינסטיק דעם 19טן יאנואר איז די אקציע דורכגעפירט געווארן ביי די בערשטער אויף שוויענטאיערסקע. ס'זענען צוגענומען געווארן 305 מאן, אויך זענען געווען 13 הרוגים, דערונטער דיר' האלאדענקא. בשעת דער אקציע אויף מילע דעם 18טן יאנואר איז אויך דערשאסן געווארן אין הויז מילע 69 דיר' י. גיטערמאן.

28 יאנואר 1943

(צווייטער טייל פון אונטערערדישן געטאארכיוו)

# אַ פּוילישער פּאַטריאָט, אַן עדות פונעם געטאָ־אויפשטאַנד, דערציילט

וולאַדיסלאַוו שוויענטאָכאָווסקי, איצט 33 יאָר אַלט, האָט אין דער צײַט פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ געאַרבעט ווי אַ פײַערלעשער. זײַן אָפּטיילונג איז געשיקט געוואָרן אין געטאָ און אין שכנותדיקע גאַסן, נישט צו דערלאָזן צום אויסשפרייטן זיך פון דער שריפה אויף דער „אַרישער" זײַט. שוויענטאָכאָווסקי איז שוין דעמאָלט געווען אַנגאַזשירט בײַם אויסבאַהאַלטן ייִדן. נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד ווערט ער אַ שטענדיקער פאַרבינדלער צווישן דער ייִדישער אונטערערד אויף דער „אַרישער" זײַט און די ייִדישע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס, וועלכע האָבן געהערט צו דער „גוואַרדיאַ לודאָוואַ", אין די ווישקאָווער וועלדער. איינצײַטיק באַהאַלט ער אויס אויף קאָנספּיראַטיווע דירות, צווישן אַנדערע אויף לעשנע 18, ייִדישע קעמפער, וועלכע האָבן אַ דאַנק דעם איבערגעלעבט.

ווען עס איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָט די היטלעריסטישע מאַכט געפאָדערט פון דער וואַרשעווער עלעקטראָסטאַנציע און פון די פײַערלעשער צו שיקן אָפּטיילונגען אין דער געגנט, וואָס איז באַדראָט דורך דעם פײַער פון דער געטאָ־שריפה. אַזוי אַרום האָב איך זיך געפונען אויפן געביט פון געטאָ אין דער צײַט פון 23טן אַפּריל ביז יוני 1943. מײַן דינסט איז אויסגעפאַלן יעדן צווייטן טאָג. אונדזער אָפּשניט האָט אַרומגענומען די ראַנדן פון די גאַסן נאַלעווקעס, גענשע, סמאָטשע ביז ניזקע. אָפיציעל האָבן מיר נישט געטאָרט אַרײַנגיין אינעם געביט פון געטאָ, אָבער פאַקטיש האָבן מיר געקאָנט זיך דרייען אויף אַ שטח פון אַ הונדערט מעטער אין געטאָ אַרײַן, הגם נישט שטענדיק איז דאָס געלונגען. אַ געפאַר האָט אונדז געדראָט נישט בלויז מצד די דײַטשן, נאָר אויך מצד די ייִדישע אויפשטענדלער. לכתחילה האָבן מיר געטראָגן די גרויע פײַערלעשער־העלמען, אָבער אין גיכן האָבן מיר זיי געמוזט בײַטן אויף גלאַנצנדיקע קאַסקן, ווײַל די ייִדישע אויפשטענדלער האָבן נישט געקאָנט אונטערשיידן אונדז פון די דײַטשן און געשאָסן אין אונדז און אַ סך פון אונדז שיעור נישט דערהרגעט; נאָכן אויפשטאַנד האָבן זיי עס מיר דערציילט.

איך בין שוין אין יענער צײַט געווען אַנגאַזשירט אין דער טעטיקייט פון אויסבאַהאַלטן ייִדן. אין איינעם מיט מײַן שווער, יוזעף פּעראַ (ער איז געפאַלן אין דעם אויגוסט־אויפשטאַנד אין 1944), האָב איך אויסבאַהאַלטן די שוועסטער מאַלווינאַ און בראָניסלאַוואַ גראָסבאַרד, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון געטאָ. אַזוי אַרום בין איך געקומען אין געטאָ אַרײַן בעתן אויפשטאַנד מיט אַ פּאַרטיקער אײַנשטעלונג צו העלפן די קעמפער און קרבנות מיט וואָס עס וועט זיך נאָר לאָזן.

הײַנט, נאָך העכער זיבן יאָר, איז מיר שווער איבערצוגעבן גענוי דעם גאַנצן גרויל מיט אַלע זײַנע פּרטים, וואָס איך האָב דעמאָלט געזען אין דעם ברענענדיקן און קעמפנדיקן געטאָ. איך געדענק דעם שרעקלעכן אומפאַרגעסלעכן אײַנדרוק; דער רושם סײַ פון דער אוממענטשלעכער אכזריות פון די היטלעריסטן און זייערע באַהעלפער, סײַ פון דעם אומגעוויינלעכן ווידערשטאַנד פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז געווען אַזוי מעכטיק, אַז פון דאָנען האָב איך געשעפּט כוחות און ענטוזיאַזם צו מײַן ווײַטערדיקער אַרבעט צוזאַמען מיטן „זשעגאָטאַ" און די פּאַרטיזאַנער און צו דער באַוווסטזיניקער טעטיקייט צו ראַטעווען ייִדן.

ווי אַזוי האָבן זייער מאָרד־טעטיקייט דורכגעפירט די ס"ס־לייט און זייערע באַהעלפער, די פּאַשיסטן מכל המינים?

נאָך דעם ווי זיי האָבן אונטערגעצונדן אַ הויז אָדער אַ רייהײַזער, האָבן זיך די מערדער געזעצט אויף אַ געהעריקן מרחק פון דער ברענענדיקער געבײַדע אויף ווייכע פאָטעלן, וועלכע זיי האָבן פון ערגעץ אַרויסגעשלעפּט, און אָבסערווירט, צי וועלן די פאַרשטעקטע ייִדן נישט וועלן ערגעץ אַנטלויפן. אין די הענט האָבן זיי געהאַלטן רעוואָלווערן און אויטאָמאַטישע פּיסטאָלעטן, וועלכע זיי האָבן באַנוצט תיכף ווי נאָר עס פלעגן זיך באַווײַזן ייִדן. די דײַטשן האָבן ס'רוב אָנגעפירט מיט גרופּעס פון לאַגער־וועכטער (פאַשיסטישע כוליגאַנעס פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן) און אויך מיט ס"ס־פאָרמאַציעס פון אַ פאַרשידן־לשונדיקן ערב־רב. די לאַגערוועכטער, וועלכע זענען נאָך נישט געווען אין אַ פולער מאָס „אויסגעשולט" אין מאָרד, האָבן נאָך אַ מאָל אַרויסגעוויזן אַ „מענטשלעכע באַציִונג", האָבן זיך געלאָזט איבערקויפן. דאָקעגן די שפּעטערדיקע ס"ס־פאָרמאַציעס, וועלכע האָבן זיי פאַרטרעטן, זענען שוין געווען אומברחמנותדיק. די דײַטשן האָבן זיך אויך באַנוצט מיט ייִדישע מוסרים, וועלכע מ'האָט גערופן „קאַפּוש", סײַ מענער, סײַ פרויען. ווען געוויסע גרופּקעס ייִדן האָבן זיך אונטערגעגעבן און אַרויסגעהאָנגען אַ ווײַסע שמאַטע (אַזעלכע פאַלן זענען געווען נישט קיין סך), האָט מען זיי נישט דערהרגעט אויפן אָרט. ביזן 5—7טן מײַ האָט זיך אַפילו געטראָפן, אַז מען האָט אָפּגעפירט די ציווילע גרופּעס אויפן אומשלאַג־פּלאַץ און פון דאַנען מיט וואַגאָנען ווײַטער — צום טויטלאַגער. נאָך דער דאָזיקער דאַטע האָט מען דערשאָסן אויפן אָרט, אין געטאָ. פון וואַנען האָבן זיך גענומען די מוסרים בײַ ייִדן? די דײַטשן האָבן זיי אָדער פיזיש שרעקלעך גע־פּײַניקט, אָדער זיי אונטערגעקויפט מיט דער אילוזיע צו שענקען דאָס לעבן.

אין דער אַרומיקער ווילדער אַכזריותדיקייט און טויט האָבן אַרויסגעשײַנט די העלדישע אַקטן פון די ייִדישע ווידערשטענדלער, מיט מײַנע אייגענע אויגן האָב איך געזען די ווײַטערדיקע בילדער:

1. אויפֿן ראָג פֿון סמאָטשע־גאַס האָב איך געזען אַ בילד, וואָס איז אין ערשטן אויגנבליק אומגלויבלעך, און דאָך איז עס געווען אמת. אַ יונגער ייִד האָט, ווײַזט אויס, געמוזט פֿאַרלאָזן זײַן באַהאַלטאָרט, ער איז דורכגעלאָפֿן דעם ליידיקן שטח, וואָס האָט אים געטיילט פֿון די ווײַטערדיקע חורבות. צוויי דײַטשן מיט אויטאָמאַטן, גרייטע צו שיסן, האָבן געהיט דאָס אָרט, זיי האָבן זיך אָבער, קענטיק, געוואָלט מאַכן אַ שפּיל, און געלאָזט דעם ייִד אַרײַנלויפֿן אין אַ חורבה. ער איז אָבער אַרויף אויף די שטיגן און מיט אַ געוואַלדיקער פֿלינקייט זיך אַרויפֿבאַקומען אויפֿן באַלקאָן. ער קוקט זיך אַרום און זעט, ווי די דײַטשן שטעלן אָן אויף אים די אויטאָמאַטן. בליץ שנעל כאַפּט ער אַרויס אַ גראַנאַט און שלײַדערט אין די פֿאַרפֿאָלגער. דער גראַנאַט האָט אויפֿגעריסן, און ביידע דײַטשן זענען געפֿאַלן, שווער פֿאַרוווּנדעט, צי אפֿשר דערהרגעט. דער אויפֿשטענדלער איז נעלם געוואָרן.

2. אין איין טאָג האָב איך געזען, ווי מען האָט אויף מײַן אָפּשניט אַרויסגעפֿירט צען דערהרגעטע דײַטשן און פֿאַשיסטן פֿון די אַנדערע פֿאָרמאַציעס און אַ סך מער פֿאַרוווּנדעטע — מיט די סאַרעטקעס פֿון רויטן קרייץ. ווי איך האָב דעמאָלט געהערט, איז די צאָל דערהרגעטע היטלעריסטן געווען אַ סך אַ גרעסערע.

3. שטייענדיק בײַם ראַנד פֿון מילע־גאַס האָב איך אַליין געזען פֿון דער ווײַטנס, טיף אין דער מילע, אַ שלאַכט. פֿון איין זײַט — די פֿאַשיסטן אין פֿולע באַוואָפֿענונג, פֿון דער צווייטער — אַ שיסערײַ פֿון אַ פֿאַרבאַריקאַדירטן הויז. די ייִדישע קעמפֿער האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט אַרויסזען. אָבער זיי האָבן כסדר געענטפֿערט מיט פֿײַער אויפֿן האָגל פֿון די דײַטשן קוילן.

4. אין איינער פֿון די ערשטע נעכט האָב איך מיט נאָך עטלעכע קאָלעגן געהאַט דיזשור. מיר האָבן זיך געפֿונען אין אַ בודקע פֿון דער פֿײַערלעשער־וואַך אויפֿן ראַנד פֿון געטאָ. מיר הערן, ווי עמעצער שטעלט טריט אַרום די בודקע. דאָס זענען געווען ייִדישע קעמפֿער מיט שמאַטעס אַרומגעבונדן אַרום די פֿיס, מען זאָל נישט הערן זייערע טריט. זייער ציל איז געווען צוצונעמען אונדזערע מונדירן, העלמען און געצײַג. אַ דאַנק דעם האָב איך אָנגעקניפּט מיט זיי אַ קאָנטאַקט. פֿון דעמאָלט אָן זענען זיי כמעט נאַכט בײַ נאַכט געקומען אויף אָפּגערעדטע ערטער און באַקומען דורך מיר שפּײַז, שפּירט אַרומצוּוואַשן ווונדן, פּאַפּיראָסן און שוועבעלעך. טייל פֿון זיי איז געווען דעצידירט צו קעמפֿן ביזן סוף; טייל איז געווען שוין אַפּאַטיש און אַפֿילו רעזיגנירט. די ערשטע האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז מיט זייער אייגענעם לעבן איז געענדיקט. איך האָב זיי אויך איין מאָל געבראַכט די פּוילישע אונטערערדישע פּרעסע. זיי האָבן געפֿרעגט, צי וועט אויף דער „אַרישער" זײַט אויסברעכן אַן אויפֿשטאַנד. צום סוף האָבן מיר אָפּגעשמועסט, אַז מען וועט פּרוּוון זיי אַרויספֿירן פֿון געטאָ, הגם דאָס איז געווען זייער שווער, ווײַל אַרום האָבן זיך געדרייט דײַטשע פּאַטראָלן. מער זענען זיי נישט געקומען. וואָס איז מיט זיי געוואָרן, ווייס איך נישט. זיי זענען מסתמא געפֿאַלן אין קאַמף.

5. אין אַ סך נעכט שפּעטער האָבן מיר פֿון דער ווײַטנס געזען פֿלאַטערנדיקע פֿײַערלעך אין דער חשכות צווישן די חורבות. מיר האָבן אויך געהערט אָפּהילכן פֿון שיסערײַען. דאָס זענען נאָך געווען די אויפֿשטענדלער, וועלכע פֿלעגן בײַ נאַכט אַרויספֿאַלן קעגן דעם שונא.

6. אָפּהילכן פֿון קעגנזײַטיקע שיסערײַען האָבן מיר געהערט ביז יוני; אָבער די דײַטשע וואַכן האָבן אונדז שוין נישט געלאָזט זיך באַוועגן טיפֿער אין געטאָ אַרײַן.

7. אַ וועכטער פֿון דער עלעקטראָ־אונטערסטאַנציע, וואָס צו איר האָט געהערט אונדזער פֿײַער־לעשער־אָפּטיילונג, און דורך די דײַטשן דערשאָסן געוואָרן, ווײַל ער האָט זיי נישט געוואָלט איבערגעבן אַ רשימה פֿון די מענטשן וואָס נעמען אָנטייל אין היטן די אונטערסטאַנציע (דאָ איז אין משך פֿון אַ געוויסער צײַט געווען אַ טרעפֿפּונקט מיט שליחים פֿון די געטאָקעמפֿער).

איך בין אויך געווען אַן עדות פֿון אַנדערע בילדער, בילדער פֿון היטלעריסטישע אכזריות:

אויף סמאָטשע האָב איך אַליין געזען, ווי די דײַטשן האָבן דערשאָסן אַ מאַן, אַ פֿרוי און אַ קינד, צונעמענדיק פֿריִער אַלץ וואָס זיי האָבן מיט זיך געהאַט.

אויף דער זעלביקער סמאָטשע־גאַס האָבן די רוצחים אַרײַנגעוואָרפֿן אַ ייִדישער קעמפֿער, וועלכן זיי האָבן געכאַפּט מיט געווער אין האַנט, אַ לעבעדיקן אין דעם ברענענדיקן הויז.

אויף איין גאַס, דאַכט זיך אויף זאַמענהאָף, האָבן די פֿאַשיסטן אַ גרופּע ייִדן געצוווּנגען זיך אויסצוטאָן נאַקעט, אַרײַנגעשטופּט זיי אין אַ גרויסער לאָך פֿון אַן אויסגעברענטער קראָם און דערהרגעט מיט גראַנאַטן.

אויף מילע־גאַס האָבן די דײַטשן דורכגעפֿירט אַ סעלעקציע צווישן די געכאַפּטע — מענער אויף לינקס, פֿרויען אויף רעכטס. דערנאָך האָבן זיי געהייסן זיך אויסטאָן, כדי דורכצופֿירן אַ רעוויזיע. איין יונגע פֿרוי האָט זיך נישט געוואָלט אויסטאָן. זי האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די פֿאַשיסטן. אַ דײַטש האָט זי דערשאָסן אויפֿן אָרט, און די סאָלדאַטן האָבן זיך איזדעקעוועט איבער איר טויטן קערפּער און צעשניטן אויף שטיקער.

אין איין פֿאַל בין איך אין שטאַנד געווען מיט עפּעס וואָס צו העלפֿן די קרבנות. עס איז צוגעלאָפֿן צו אונדז אַ יונגע ייִדישע פֿרוי מיט אַ ביטע, מיר זאָלן ראַטעווען איר טאַטן, וועלכער איז צעקוועטשט געוואָרן דורך אַ שטיק אײַנגעפֿאַלענע מויער. מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט און מיט די פֿײַערלעשער־העק גענומען פֿונאַנדערהאַקן די מויערשטיקער. דאָס האָבן דערהערט די דײַטשן, וועלכע האָבן געמיינט אַז מיר זענען ייִדישע אויפֿשטענדלער, אונדז געכאַפּט און נאָכן אויסלעגיטימירן און פֿעסטשטעלן אונדזער אידענטישקייט אין דער וואַרשעווער עלעקטראָסטאַנציע, אונדז באַפֿרײַט מיט אַ וואָרענונג, אַז אַ צווייט מאָל, ווען מען וועט אונדז כאַפּן, וועט מען אונדז דערשיסן. דעם ייִד האָט מען דערהרגעט אויפֿן אָרט. די טאָכטער איז פֿאַרשווּנדן ערגעץ צווישן די חורבות.

ווי געזאָגט, האָב איך זיך אונטערן אײַנדרוק פֿון דעם אַלעם, וואָס איך האָב געזען אין געטאָ, אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער צוזאַמענאַרבעט מיט די ייִדישע קעמפֿער אויף דער „אַרישער" זײַט און בײַ די פּאַרטיזאַנער.

(אַרכיוו ייה"ה) ייִדיש: ב. ב.



**א. בערמאַן** — ישראל

# די וואָס האָבן געראַטעוועט

(אַ פראַגמענט פון אַ גרעסערער אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון
דער ייִדישער אונטערערדישער באַוועגונג אין פוילן)

די ייִדישע אונטערערדישע רעטונגס- און הילפס־אַקציע וואָלט נישט געקאָנט, אין די באַדינגונגען פון היטלעריסטישן טעראָר, ארומנעמען אַזאַ פאַרהעלטנישמעסיק גרויסע צאָל ייִדן, ווען נישט די הילף פון פּאָליאַקן. אַן אויסערגעוויינטלעך וויכטיקע ראָלע האָט געשפּילט אין דער רעטונגס־אַקציע דער „אַלפּוילישער ראַט צו העלפן ייִדן". די גרויסע קאָנספּיראַטיווע הילפס־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט געראַטעוועט טויזנטער ייִדן פון אומקום. אַן ערנסטע ראָלע האָבן געשפּילט די הילפסקעמערלעך פון דער „פּוילישער אַרבעטער פּאַרטיי". עס דאַרף אָבער אויך באַטאָנט ווערן די פּערזענלעכע, אינדיווידועלע הילף פון טויזנטער פּאָליאַקן.

ביים באַשרייבן דאָס מאַרטירערטום פון ייִדן אין פוילן, שטרייכט מען שטענדיק אונטער ווי די ייִדן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער „אַרישער זייט", האָבן געליטן פון די פּוילישע שאַנטאַזשיסטן און מוסרים, פּאָליציאַנטן, פאַשיסטישע כוליגאַנעס און אַנדערע אונטערוועלט־עלעמענטן. מען שרייבט אָבער ווייניקער וועגן דעם, אַז טויזנטער פּאָליאַקן האָבן געשטעלט אין קאָן זייער לעבן, אויסטיילנדיק הילף ייִדן. דעם שוים און שמוץ אויף דער אייבערפלאַך פון צעשטורעמטן טייַך איז לייַכטער צו זען ווי דעם טיפערן, ריינעם שטראָם. דער שטראָם האָט אָבער עקסיסטירט און געווירקט.

זייער אַ גרויסער טייל פון די הילפסקעמערלעך פון דעם אונטערערדישן „ייִדישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט" זענען געווען פּוילישע קעמערלעך. בראש פון זיי זענען געשטאַנען פּאָליאַקן, וואָס האָבן אָפּפערוויליק געפירט די רעטונגס־אַרבעט: פּוילישע געלערנטע, שרייבער און קינסטלער, די מיטאַרבעטער פון פּוילישער סאָציאַלער שוץ, אַרבעטער, אין אַ ריי פאַלן אויך פּויערים. מערסטן טייל זענען דאָס געווען פּראָגרעסיווע, לינק־געשטימטע מענטשן: קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן, ראַדיקאַלע דעמאָקראַטן און ראַדיקאַלע פּויערים־טוער, עס זענען אָבער אויך געווען צווישן זיי קאַטאָליקן און מיטגלידער פון פאַרשידענע קריסטלעכע סעקטעס.

אַ גרויסער טייל פון זיי זענען געווען אומפּאַרטייִישע, פּשוטע, גוטע מענטשן פון פאָלק, וועלכע האָבן אויפריכטיק מיטגעפילט מיט די געפּייַניקטע ייִדן ,טיף איבערגעלעבט זייער טראַגעדיע און געקומען צו הילף פון גוטן, מענטשלעכן האַרץ.

עס זענען געווען פאַלן, אַז אַן אַקטיווע אינדיווידועלע הילף האָבן געגעבן זייערע באַקאַנטע ייִדן — אַפילו אַנטיסעמיטיש געשטימטע פּאָליאַקן... דאָס איז געווען אַ גענוג זעלטענע דערשייַנונג. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז דער היטלער־קאַשמאַר, די אוממענטשלעכע לייַדן און דער טראַגישער אומקום פון מיליאָנען ייִדן — האָבן געמאַכט אַזאַ טיפן און דערשיטערנדיקן אייַנדרוק אויף אַ טייל אַנטיסעמיטיש געשטימטע פּאָליאַקן, אַז זיי האָבן נאָך אין דער צייַט פון דער מלחמה געענדערט זייער באַציִונג און זיך אַפילו דערנענטערט צום פּראָגרעסיוון לאַגער.

די וווינונג פון צוויי פּוילישע אינטעלעקטואַלינס פרוי אירענאַ סאַוויצקאַ, אַ בילדונגס־טוערין און ד״ר זאָפיאַ פּאָדקאָווינסקאַ, אַן אַרכעאָלאָגין — איז געווען איינע פון די הויפּט „באַזעס" פון דער ייִדישער אונטערערדישער באַוועגונג אויף דער „אַרישער זייַט". ביידע זענען געווען פאַרבונדן מיט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. דאָרט האָבן זיך קאָנצענטרירט די הילפס־פאַרבינדונגען פאַר הונדערטער גערודפטע ייִדן. דאָרט, אויף זשאָליבאָזש, אין דער געגנט פון דער פּוילישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ, האָבן זיך געטראָפן ד"ר בערמאַן, אַנטעק און אַנדערע אונטערערדישע טוער מיט די פאָרשטייער פון דער לינקער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, מיט די טוער פון דער פּוילישער אַרבעטער פּאַרטיי און פון דער פּאַרטיזאַנישער פאָלקס־באַוועגונג. דאָרט האָבן זיי געפונען אַ האַרציקע, פרייַנדלעכע אַטמאָספער, אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די לייַדן פון ייִדישע מאַסן, פאַר זייער באַוואָפנטן קאַמף. דאָרט האָבן אָפט געפונען אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַ רעטונגסאָרט ייִדן, ווען עס האָט זיך „פאַרברענט" זייער וווינאָרט, ווען זיי זענען געבליבן אין דער גאַס. דער טויט פון אירענאַ סאַוויצקאַ, וועלכע איז אומגעקומען פון פאַשיסטישע הענט אין דער צייַט פונעם פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע, איז געווען אַ שווערע איבערלעבונג און אַ קלאַפּ פאַר די ייִדישע אונטערערדישע טוער.

אַ צווייטע הערלעכע געשטאַלט: יאַנינאַ בוכהאָלץ, אַ פּסיכאָלאָגין, די פרוי פון אַ פּוילישן געלערנטן, פּראָפעסאָר פון פּאָליטעכניקום. זי איז געווען אומפּאַרטייִיש און ווייַט פון פּאָליטישן לעבן. אין די יאָרן פון דער היטלערישער אָקופּאַציע האָט זי זיך געווידמעט צוויי זאַכן: דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט און — דער הילפס־אַקציע פאַר ייִדן. די ביוראָ פון אַ נאָטאַריוס אויף מיאָדאָווע־גאַס, וווּ זי האָט געאַרבעט אַלס איבערזעצערין פון פרעמדע שפּראַכן, איז געוואָרן איינער פון די צענטראַלע קאָנספּיראַטיווע „ביוראָען" פונעם „ייִדישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט". דאָ האָט כמעט טאָג טעגלעך „אַמטירט" באַשע בערמאַן מיטן שטאַב פון אירע „פאַרבינדונגס־

אָפּיצירן", דאָ האָט מען מאַסנווייז פאַרטיילט די „אַרישע" דאָקומענטן פאַר ייִדן, איבערגעגעבן צו פאַרטיילונג די הילפספּאָנדן, דאָ האָט מען דורכגעפירט פאַרשידנאַרטיקע פאַרבאָטענע „טראַנזאַקציעס". נישט געווען קיין טאָג און קיין שעה, אַז די „פרוי אַנינאַ" זאָל נישט זײַן גרייט צו העלפן. שטענדיק מיט אַ שמייכל אויף איר גוטמוטיקן, מוטערלעכן פּנים, שטענדיק „פילאָסאָפיש" רויִק, שטענדיק מיט ווערטער פון דערמוטיקונג, פון טרייסט, פון האָפענונג און גלויבן, האָט זי יאָרן לאַנג, ביז דער שעה פון באַפרייַונג, אוממאויפהערלעך געשטעלט אין געפאַר איר לעבן, כדי צו ראַטעווען ייִדן.

פּראָפעסאָר ד״ר מאַריאַ גזשעגאָזשעווסקאַ, די באַקאַנטע פּוילישע געלערנטע אויפן געביט פון פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק, די דירעקטאָרין פונעם „מלוכישן אינסטיטוט פון ספּעציעלער פּעדאַגאָגיק", וועלכע האָט געשריבן וויכטיקע ווערק וועגן פּסיכאָלאָגיע פון בלינדע, איז אין דער דאָזיקער גרויזאַמער תקופה געווען אַן אמתע „מוטער" און באַשיצערין פון צענדליקער ייִדן, פון ייִדישע פאַרלאָזטע קינדער, וואָס זענען אַנטלאָפן פון געטאָ און האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט אויף דער „אַרישער זײַט". זי איז געווען פון די זײַלן פון דער רעטונגס־אַקציע, אַ וויכטיקער אָנשפּאַר פון דער ייִדישער אונטערערדישער באַוועגונג.

נישט געווען קיין פאַל, זי זאָל זיך אָפּזאָגן פון געבן הילף. ווען עס איז שוין נישט געווען קיין שום אַנדער ברירה, ווען דער מעסער איז שוין געלעגן אויפן האַלדז — איז מען געלאָפן צו „פרוי מאַריאַ", זי זאָל אין לעצטן מאָמענט ראַטעווען. און זי האָט געראַטעוועט: איינעם געגעבן אין אַ קריטישער שעה אַ דאַך איבערן קאָפּ, פאַר אַ צווייטן געפונען אַרבעט און „דעקונג", פאַר צענדליקער אויסבאַהאַלטענע ייִדן האָט זי פּערזענלעך איבערגעגעבן די הילפסגעלטער פון „ייִדישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט".

די גרויסע דראַמאַטישע שוישפּילערין אירענאַ סאָלסקאַ האָט גענומען אויף זיך אין דער אָקופּאַציע־צײַט די שווערסטע און די געפערלעכסטע ראָלע — אַקטיוו צו העלפן ייִדן. אַליין אַ קראַנקע, האָט זי זיך געראַנגלט מיט גרויסע פּערזענלעכע און משפּחה־שוועריקייטן. און דאָך איז זי געווען אומדערמידלעך אין דער הילפסאַרבעט. דורך איר וווינונג זענען דורכגעגאַנגען צענדליקער ענינים, וואָס יעדער פון זיי איז געווען אַן ענין פון לעבן און טויט. אויך זי האָט געראַטעוועט „אין לעצטן מאָמענט", ווען עס איז שוין נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג. זי איז געווען אַ פאַרקערפּערונג פון אַן אַקטיוו־הומאַניטאַרער, טיף־מענטשלעכער, האַרציקער באַציִונג צו די לײַדן פון ייִדן.

סטעפאַניאַ סעמפּאָלאָווסקאַ, די פאַרדינסטפולע קעמפערין פאַר פּראָגרעס און דעמאָקראַטיע, די „מוטער" פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע אינעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן, די סימבאָלישע געשטאַלט פון דער פּוילישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ, איז אין דער צײַט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע געווען שוין זייער אַלט, האַלבפּאַראַליזירט. און דאָך, כּמעט אויפן טויטנבעט, האָט זי נישט אויפגעהערט צו זײַן די „מוטער פון די לײַדנדיקע. זי האָט מאָביליזירט איר משפּחה, אירע פריינד, צו דער הילפסאַקציע פאַר ייִדן. דורך אירע האַלב־פּאַראַליזירטע הענט זענען דורכגעגאַנגען דאָקומענטן און געלט־אונטערשטיצונגען פאַר די אויסבאַהאַלטענע, גערודפטע ייִדן. ביזן לעצטן טאָג פון איר וווּנדער־שיינעם לעבן האָט זי געטריי געדינט דער גרויסער זאַך פון העלפן די קרבנות פון פאַשיזם און ראַסנהאַס.

טאַדעוש קאָטאַרבינסקי, דער באַקאַנטער פּוילישער פילאָסאָף פונעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט, האָט נישט פאַרלאָזט אין דער שווערער שעה זײַנע ייִדישע פריינד און שילער. פאַר דער מלחמה האָט ער מוטיק פאַרטיידיקט די ייִדישע סטודענטן, ווען די פּוילישע פאַשיסטישע כוליגאַנעס זענען אָנגעפאַלן אויף זיי. אין דער אָקופּאַציע־צײַט האָט ער געהאָלפן מיט אַלץ, וואָס איז געווען מעגלעך. די טירן פון זײַן וווינונג זענען געווען אָפן פאַר ייִדן, כאָטש דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט טויטגעפאַר.

אַ סך פּוילישע געלערנטע האָבן געהאָלפן ייִדן: דער באַקאַנטער ביאָלאָג, איינער פון די וועטעראַנען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פּראָפ׳ זיגמונט שימאַנאָווסקי; דער באַקאַנטער סטאַטיסטיקער און ראַדיקאַלער בילדונגס־טוער ד״ר מאַריאַן פאַלסקי; די פּראָפעסאָרן פון עטיק און עסטעטיק אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט — מאַריאַ און סטאַניסלאַוו אָסאָווסקי; דער באַקאַנטער אַרכיטעקט און אורבאַניסט — פּראָפ׳ סטאַניסלאַוו טאָלווינסקי, וואָס איז נאָך דער באַפרייַונג געווען דער פּרעזידענט פון וואַרשע; דער אַרכעאָלאָג ד״ר לודוויק סאַוויצקי, וואָס האָט גענומען צו זיך אויף דערציִונג אַ פאַרוואָרלאָזט ייִדיש ייִנגעלע פון געטאָ און צענדליקער אַנדערע באַקאַנטע פּעדאַגאָגן, פּסיכאָלאָגן, מעדיצין־דאָקטוירים, עקאָנאָמיסטן, ביבליאָטעקאַרן, געאָגראַפן און אַנדערע וויסנשאַפטלער.

באַזונדערע פאַרדינסטן אין דער רעטונגס־אַקציע האָט געהאַט דער באַקאַנטער זאָאָלאָג און דעמאָלטיקער דירעקטאָר פון וואַרשעווער זאָאָלאָגישן גאָרטן, ד״ר יאַן זשאַבינסקי און זײַן פרוי, די שרײַבערין אַנטאָנינאַ זשאַבינסקאַ. אַ דאַנק זיי איז דאָס וואַרשעווער זאָאָ אין יענער צײַט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מקום מקלט פאַר ייִדן. אין די פאַרמאַסקירטע שטײַגן פאַר חיות האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ייִדן, וועמען זשאַבינסקי און זײַן פרוי האָבן צוגעשטעלט עסן און פאַרנומען זיך מיט זיי זאָרגפעליק, ריזיקירנדיק מיטן לעבן.

צווישן די פּוילישע אינטעלעקטואַלן, וועלכע האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן פאַר דער אונטערערדישער טעטיקייט און פאַר אַקטיוו העלפן ייִדן, דאַרף מען דערמאָנען די יונגע אַסיסטענטין פון פּסיכאָלאָגיע אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, די מוטיקע אונטערערדישע טוערין ד״ר עוואַ ריביצקאַ, די יונגע באַגאַבטע פּסיכאָלאָגין, די קאָמוניסטקע יאָאַננאַ קוניצקאַ, די סאָציאַליסטישע טוערין אירענאַ פּרוכניק (די פרוי פונעם פירער פון די לינקע סאָציאַליסטן ד״ר אַדאַם פּרוכניק) א״אַנד.)

אין דער הילפסאַקציע האָבן אָנטייל גענומען פּוילישע שרײַבער. דער באַקאַנטער פּויערים־פירער און שרײַבער וולאַדיסלאַוו קאָוואַלסקי, וואָס איז נאָך דער באַפרייַונג געווען דער פּרעזידענט פון פּוילישן סיים, דער מחבר פונעם ראָמאַן „די בעסטיע". געווידמעט דעם ייִדישן מאַרטירערטום, האָט אין דער אָקופּאַציע־צײַט גענומען צו זיך אויף דערציִונג אַ ייִדיש פאַרוואָרלאָזט מיידעלע פון געטאָ. נאָך דער באַפרייַונג איז דאָס מיידל געפאָרן צו אירע קרובים קיין ישראל. אויך אַנדערע פּוילישע שרײַבער, ווי העלענאַ באָגושעווסקאַ, יעזשי קאָרנאַצקי א״אַ האָבן געהאָלפן ייִדן.

גלײַכצײַטיק דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן די האַרציקע און אָפּפערווויליקע הילף פון פּשוטע פּוילישע פאָלקסמענטשן, אַזעלכע ווי דער שנײַדער סטאַניסלאַוו מיכאַלסקי, דער מוזיי־באַדינער קאַזשימיערזש קוץ, די קראַנקן־שוועסטער וואַלעריאַ מאַלאַשעווסקאַ; דער אַרבעטער קאַזשימיעזש פּראָשאָווסקי; דער טראַמוויי־אַרבעטער ריכאָוויעצקי; דער פּויער פון גראָדנער קאַנט פּאַוועל האָרמושקאָ,

וואָס האָט געהאָלפן דער משפחה פון ד״ר עמנואל רינגעלבלום. און אַ סך אַנדערע גוטע, פּשוטע פאָלקסמענטשן.

אַן ערנסטע ראָלע אין דער רעטונגס־אַקציע האָבן געשפּילט פּוילישע מיטאַרבעטער פון סאָציאַלער הילף, פון פאַרשידענע סאָציאַלע שוץ־אינסטיטוציעס. אַזוי צ״ב האָט אַלעקסאַנדראַ קאַרגיעלאַוואַ אײַנגעאָרדנט אין פּוילישע אַנשטאַלטן אַ סך יִדישע קינדער פון געטאָ; אַנטאָנינאַ ראָגוסקאַ האָט זיך „ספּעציאַליזירט" אין געפינען אַרבעטספּלעצער פאַר יִדישע פרויען און דערבײַ גאַראַנטירט פערזענלעך אַז זיי זענען „אַריערינס", ריזיקירנדיק דערבײַ מיטן לעבן; מאַיאַ לאַסקאַ, וואָס האָט דאַן געאַרבעט אין דער שטאָטישער עווידענץ־אָפּטיילונג און האָט אָפּפערוויליק און מוטיק דערלײדיקט צענדליקער געהיימע און פאַרבאָטענע מאַניפּולאַציעס מיט „אַרישע" דאָקומענטן פאַר יִדן, שטעלנדיק איר לעבן אין קאָן, און צענדליקער אַנדערע סאָציאַלע טוערינס.

עס דאַרפן דערמאָנט ווערן די מוטיקע פּוילישע פרויען, ווי די לייטערין פון אַ פאָלקסשול אויף זשאָליבאָזש — אירענאַ קוראַווסקאַ, ווי סילוויאַ זשעטשיצקאַ, וואָס האָט געהאַט אונטער איר שוץ צענדליקער יִדן, ווי יוליאַנאַ לאַריש, וואָס האָט אַרויסגעראַטעוועט פון געטאָ 21 יִדן, און אַ סך אַנדערע.

דער קאָמוניסט גאַיִק („קשאַטשעק"), וואָס האָט געהאָלפן אַרויסצוראַטעווען יִדישע קעמפער פון געטאָ דורך די קאַנאַלן; און די סאָציאַליסטן סטעפאַן סאַוויצקי און סטעפאַן פּאָקראָפּיעק האָבן מיט זייער לעבן באַצאָלט פאַר זייער מיטאַרבעט מיט דער יִדישער אונטערערדישער באַוועגונג און פאַר העלפן יִדן. געמיינזאַם איז פאַרגאָסן געוואָרן דאָס בלוט פון יִדישע און פּוילישע קעמפערס אין געמיינזאַמען קאַמף קעגן דעם שונא.

דער פּוילישער מוזיקער לודאָמיר מאַרטשאַק האָט געהאַט אונטער זײַן שוץ אַ גרופּע פון 15 יִדן אין אַ „בונקער" אויף נאָוויניאַרסקע־גאַס. צוליב אַ מסירה האָט די געסטאַפּאָ אַנטדעקט די באַהעלטעניש און מאַרטשאַק איז צוזאַמען מיט אַלע אויסבאַהאַלטענע יִדן דערשאָסן געוואָרן.

עס דאַרף דערמאָנט ווערן די אָפּפערוויליקע הילף פון אַ פּוילישן פויער פון דער געגנט פון דאָרף לאָמיאַנקע, קאַישטשאַק, וואָס האָט אַקטיוו געהאָלפן די קעמפער פון דער יִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, די הילף פונעם געוועזענעם פּוילישן אָפיציר פּעראָ, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, און פון צענדליקער פּאָליאַקן, וואָס האָבן דערטיילט הילף אַנאָנים, נישט דעקאָנספּירירנדיק זיך, נישט אָנגעבנדיק זייערע נעמען. זיי זענען אָבער געווען באַקאַנט דער יִדישער אונטערערדישער באַוועגונג — ווי: „דער געוועזענער בירגערמײַסטער פון צעלעסטינאָוו"; „דער אינזשיניער פון סאַפּיעזשינסקאַ־גאַס"; „דער לערער פון וואָלד — דער באַשיצער פון יִדישע פּאַרטיזאַנער", „די באָבעשי פונעם מאַרקסטראַגאַן מיט גרינוואַרג", און צענדליקער אַנדערע.

די צאָל פון די דאָזיקע אַנאָנימע, איידעלע פּאָליאַקן, צעזייטע איבערן גאַנצן לאַנד, איז געווען גרעסער ווי מען מיינט. טויזנטער יִדן האָבן זיי צו פאַרדאַנקען זייער לעבן.

די פּאָליאַקן, וואָס זענען דאָ דערמאָנט געוואָרן, זענען נאָר אַ קליינער טייל פון די וואָס האָבן, ריזיקירנדיק מיט זייער לעבן, געהאָלפן און געראַטעוועט.



סראָלקע קאַט (בוענאָס־איירעס)

# ווי אַזוי עס איז געפאַלן אין העלדישן קאַמף יונה סוכאַטשעווסקי

איצט האָבן מיר שוין דעם ריכטיקן קאָמאַנדיר, האָט מען איבערגעגעבן, איינער דעם צווייטן, מיט דער גרעסטער צופרידנקייט. אפילו די וואָסטאָטשניקעס, ווו מען פלעגט רופן די פּאַרטיזאַנערס פון ראַטנפאַרבאַנד, ווייַזן ארויס צו אים רעספּעקט און אָנערקענונג אַלס מענטש, קעמפער און קאָמאַנדיר. ווער איז דאָס? פרעגט איינער דעם צווייטן. — אַ וואַרשעווער דרוקער־אַרבעטער, דערצויגן אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, יונה סוכאַטשעווסקי, געבוירן אין יאָר 1914. אין וואַלד איז דער פסעוודאָנים זייַנער „סאַשאַ", צווישן חברים אין פאַראיין אָדער אין ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן" פון וואַרשע, פאַר דעם קריג, פלעגט מען אים אויך רופן יעזשי. זייַענדיק אַ דרוקער־אַרבעטער האָט זיך יונה סוכאַטשעווסקי שטענדיק געפונען אין די אַרבעטער־רייַען, פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון זייַן קלאַס, וואָס זענען אויך די אַלגעמיינע אינטערעסן פון דער מענטשהייט. דער אָנפאַל פון נאַצי־דייַטשלאַנד אויף פּוילן אין יאָר 1939, און די צייַטווייַליקע אָקופּאַציע דורך די נאַציס פון דער פּוילישער טעריטאָריע ביז דעם טייַך בוג, האָבן באַוויגן יונה סוכאַטשעווסקין ווי טויזנטער אַנדערע אַרבעטערס און ייִדן, אַריבערצוגיין אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, כדי אויסצומייַדן אַזוי אַרום די אויסראָטונג וואָס איז אים פאָרגעשטאַנען אונטערן נאַציזם, אַלס ייִד און אַלס באַוווּסטזיניקער אַרבעטער. אין ראַטנפאַרבאַנד קריגט יונה סוכאַטשעווסקי די מעגלעכקייט צו אַרבעטן רויִק, זיך אייַנבירגערן ווי אַ נייַער סאָוועטישער בירגער אָן דיסקרימינאַציעס. דאָס איז פאַר אים געווען די צוקונפט פאַר וועלכער ער האָט אין זייַן יוגנט פיל ענערגיע אוועקגעגעבן. דער באַרבאַרישער אָנפאַל פון נאַצי־דייַטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד דעם 22טן יוני 1941, האָט צוריק אַרייַנגעשלעפּט אונדזער שפּעטערדיקן קאָמאַנדיר „סאַשאַ" אונטער דעם נאַצי־רעזשים, פון וועלכן ער האָט זיך שוין איצט נישט באַוויזן אַרויסצובאַקומען. יונה סוכאַטשעווסקי בלייַבט אין סלאָנים אונטער דער אָקופּאַציע פון נאַציזם. נישט ווערנדיק פאַרצווייפלט, מיט זייַן קלאָרן סאָציאַל־קעמפערישן באַוווּסטזייַן, שטעלט ער זיך אין קאָנטאַקט מיט די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנערס וואָס אָרגאַניזירן זיך אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל קאַפּוסטאַ אין די סלאָנימער וועלדער. יונה סוכאַטשעווסקי אָרגאַניזירט פיל ייִדן פון סלאָנימער געטאָ פאַר די פּאַרטיזאַנער רייַען. די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג פון די סלאָנימער וועלדער צעוואַקסט זיך אין אַ כוח, זי פירט דורך פיל סאַבאָטאַזש־אַקטן און אפילו פיל אָפענע שלאַכטן מיט דער געסטאַפּאָ. יונה סוכאַטשעווסקי וואַקסט אויס אין קאַמף צו אַ פאַרבינדלער אין העכסטן מאַסשטאַב פון דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג. ער איז אָנגעזען און ווערט געשעצט בייַ אַלע פּאַרטיזאַנערס. די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג האָט באַשיצט און געגעבן די מעגלעכקייט אַלע ייִדן וואָס זענען נאָך געקומען צו זייערע רייַען, צו נעמען נקמה, צו שטעלן זיך אין קאַמף קעגן נאַציזם. די דייַטשן האָבן אַרויסגערופן גרויסע פאַרשטאַרקונגען, אפילו אויך אַוויאַציע, און אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן און ברענען די וועלדער. זיי האָבן אַרומגערינגלט די פּאַרטיזאַנערס און זיך געשטעלט קעמפן פאַר יעדן מעטער וואַלד. פיל מאָנאַטן האָט געדויערט דער קאַמף. ס'איז געווען אַ שווערער גערשנגל. אין איינצלנע פאַלן האָבן פּאַרטיזאַנישע גרופּעס אַ דורכגעריסן און פאַרשאַפנדיק פיל קרבנות דער דייַטשער אַרמיי, און זיך פאַראייניקט מיט אַנדערע גרופּעס אין אַנדערע וועלדער. פון די סלאָנימער וועלדער האָבן צייַטווייַליק זיך צוריקגעצויגן די פּאַרטיזאַנערס אויף אַנדערע קאַמפּספּלעצער.

יונה סוכאַטשעווסקי קומט אין ביאַליסטאָקער געטאָ. ער שטעלט זיך אַרבעטן אַלס קעסל־הייצער אין מוזיי פון געסטאַפּאָ. אָבער זייַן קאַמף איז נאָך נישט געענדיקט. ער קאָן נישט זיצן רויִק און צוזען די פירונג פון די יודענראַטניקעס, צוהערן צו די אייַנשלעפערנדיקע רייד זייערע ווי אין אַלע אַנדערע שטעט. די קאַמפּסמאָראַל און די קרובישקייט פון די מיטקעמפערס, די געטרייַשאַפט פון איין קעמפער פאַרן צווייטן, די זאָרג פאַר דעם קעמפער מצד דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע — דאָס אַלץ רופט צוריק צו דעם פרייַען, קעמפערישן, מענטשלעכן לעבן אין וואַלד.

יונה סוכאַטשעווסקי בינדט אָן קאָנטאַקט מיט דער אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. ער נוצט אויס זייַן אַרבעט אין געסטאַפּאָ צו שאַפן דורך פאַרשידענע מיטלען געווער און צו ברענגען עס אין געטאָ. אין יענער צייַט איז דאָס געווען די ריזיקאַלישסטע אַרבעט.

אין אַ קורצער צייַט אַרום ווערט יונה סוכאַטשעווסקי אַרויסגעשיקט צו אַ גרופּע אין וואַלד אַלס קאָמאַנדיר פאַר דעם פּאַרטיזאַנער אָטריאַד „פאָרויס", געשאַפן דורך דער אונטערערדישער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ אין צוזאַמענאַרבעט מיט דער אַלגעמיינער אַנטיפאַשיסטישער באַוועגונג פפ"ר. אין וואַלד הייבט זיך אָן דער נייַער קאַמף, אין וועלכן אונדזער „סאַשאַ", דער איצטיקער קאָמאַנדיר, האָבנדיק די פּראַקטיק פון דער פריִערדיקער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, שטעלט אייַן נייַע פאָרמען פון קאַמף און אָרגאַניזאַציע. סאַשאַ נעמט אויך אָנטייל אַלס שרייַבער־הומאָריסט אין דער צייַטונג, וואָס מיר גיבן אַרויס אין וואַלד פאַר דער אַרומיקער באַפעלקערונג, מיט אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „דער מגיד און דער אברעז". ער האָט געשילדערט אַ חבר אונדזערן וואָס האָט געטראָגן ברילן און אויסגעזען ווי אַ מגיד. דער דאָזיקער חבר האָט געהאַט אַ קורצע ביקס, ווייַל עס

איז געווען אָפּגעזעגט דער טייל פֿון דער לופֿע, וואָס מען האָט גערופֿן אברעז.

יונה סוכאַטשעווסקי האָט אין אונדז אַרײַנגעבראַכט א נײַעם גײַסט. א דיסציפּלינירטער, א חברישער, א העלדישער, רופֿט ער אַרויס רעספּעקט צו זיך און באַציט זיך מיט רעספּעקט צו אַנדערע. אין פֿיל קאַמפֿן מיט דער דײַטשער געסטאַפּאָ איז אויסגעקומען סאַשאַן אונדז צו פֿירן. שטענדיק פֿלעגן זײַן קרבנות, סײַ בײַ אונדז און סײַ בײַ די נאַציס. סאַשאַ פֿלעגט שטענדיק נאָך די קאַמפֿן איבערגאַניזירן די גרופּע, כדי צו זײַן ווײַטער קאַמפּסגרייט.

דער האַרבסט פֿון 1943 האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן מיט דעם אויפֿשטאַנד פֿון ביאַליסטאָקער געטאָ. דעם 16טן אויגוסט האָבן אויפֿן רוף פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציע העלדיש און מוטיק אָנגעהויבן די חברים פֿון שטאָט דעם קאַמף קעגן דער פֿאַרניכטונג פֿון געטאָ דורך די דײַטשן, מיטן ציל צו שטערן, דורכן קאַמף, אַרויסצופֿירן די ייִדן אין טרעבלינקע. די אָרגאַניזאַציע האָט געוואָלט אַרויספֿירן וואָס מער ייִדן אין וואַלד צו אונדזער גרופּע. אונדזער הילף פֿון וואַלד האָט סאַשאַ גלײַך אָרגאַניזירט דורך אויסשטעלן חברים מיט געווער אויף אַלע וועגן וואָס האָבן געפֿירט פֿון שטאָט צום וואַלד, כדי אויפֿצונעמען אַלע ייִדן און קאַמפּס־חברים וועלכע האָבן אַרומגעבלאָנקעט אויף די וועגן און זוכן זיך דעם וועג צו אונדז. מען האָט געדאַרפֿט זיי ברענגען צו אונדז, מיר זאָלן זיי באַשיצן. דאָס אונטערדריקן דעם אויפֿשטאַנד, דאָס פֿאַרניכטן דאָס געטאָ און דאָס אַרויספֿירן די ייִדן אין טרעבלינקע האָט געדויערט דעם גאַנצן מאָנאַט. דורך דער צײַט האָט אונדזער סאַשאַ אַלע געבראַכטע ייִדן פֿון געטאָ אײַנגעטיילט אין גרופּעס, זיי צעשפּרייט איבערן וואַלד, עס זאָל נישט זײַן שטאַרק קענטיק אויף איין אָרט. די וואָס האָבן געבראַכט געווער פֿון געטאָ, זענען געוואָרן קאַמפּסגרופּעס, צוזאַמען מיט די פֿריִערדיקע פּאַרטיזאַנער. די דײַטשן האָבן פֿאַרשטאַנען אַז פֿיל קעמפֿערס זענען אַוועק מיט געווער אין די וועלדער. אויסער דעם האָט אונדזער גרופּע זיך גענומען ענערגיש אײַנצואָרדענען אַלע ייִדן. נאָכן פֿאַרגרעסערן אונדזער גרופּע מיט נײַע חברים האָבן מיר אָנגעהויבן א גרעסערע סאַבאָטאַזש־אַקטיוויטעט, וואָס האָט געבראַכט צו א גרויסע שטערונג פֿאַר דער נאַצישער אַרמיי און געסטאַפּאָ אין זייערע באַוועגונגען אויף די וועגן און אין די דערפֿער נאָענט פֿון וואַלד. געוויסע שפּיאָנען פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג וואָס האָבן געדינט די דײַטשן, פֿלעגן דערטראָגן דעם שונא ווו מיר געפֿינען זיך. און זיי פֿלעגן פֿאַרלײַכטערן די אָנפֿאַלן אויף אונדז. איין שפּיאָן אַזאַ, דער פּאָליאַק קאַראַבאָוויטש, וואָס איז געווען פֿאַר דער מלחמה א וואַלדאַרבעטער אין דער זעלבער געגנט, האָט געוווּסט און אויסגעצייכנט זיך פֿאַרשטאַנען אויף אַלע סימנים. ער פֿלעגט די דײַטשן פֿירן דורך די קאָמפּליצירטסטע וועגן, און זיי ברענגען צו אונדז. זייער פֿיל קרבנות און שלאַכטן האָבן מיר צוליב אים פֿאַרלוירן. אויך דעם 25טן סעפּטעמבער 1943, אין איזאָווער וואַלד, האָט דער שפּיאָן געפֿירט די דײַטשן צו אונדז אין שלאַכט, אין וועלכער דער קאָמאַנדיר אונדזערער „סאַשאַ" האָט פֿאַרענדיקט זײַן לעבן אין קאַמף.

נאָך א לאַנגער, האַרבסטיקער קאַלטער, פֿינצטערער נאַכט אין דעם דאָרף קאַראַקלע, ווו מיר האָבן פֿאַרשפּרייט אונדזער אויפֿקלערונג צווישן די פּויערים. און געהאַט מיט זיך עסן אויף עטלעכע וואָכן פֿאַר די אַלע ייִדן וואָס זענען געקומען צו אונדז פֿון געטאָ, האָבן מיר זיך געזעצט אָפּרוען צווישן די ביימער. אונדזער קאָמאַנדיר יונה סוכאַטשעווסקי האָט אײַנגעשטעלט נײַע דרײַ קאַמפּסגרופּעס, אָפּגעהאַלטן א באַראַטונג מיט די נײַע קאָמאַנדירן וועגן דער ווײַטערדיקער אַקטיוויטעט פֿון אונדזער גרופּע, וועלכע וועט בלײַבן איבערוווינטערן אין די געגנטן, עטלעכע צענדליק קילאָמעטער אַרום ביאַליסטאָק.

אַלע ליגן מיר צעשפּרייט אונטער די ביימער אין גרופּקעס, טראַכטנדיק וועגן די נאָר וואָס אין געטאָ אומגעבראַכטע עלטערן, ברידער, פֿרײַנד און חברים־קעמפֿער. עס מערקן זיך שוין געלע בלעטער אויף די ביימער, וואָס דער האַרבסטיקער ווינט רײַסט אַראָפּ זיך שפּילנדיק מיט זיי אין דער לופֿטן, ביז זייער אַראָפּפֿאַלן אויף דער ערד, ווו טויזנטער אַנדערע געלע בלעטער וואַרטן שוין אויף זייער אָנקום, און צוזאַמען מאַכן זיי א געלן ווייך־העסעבעט פֿאַר אונדז פּאַרטיזאַנער, צו קענען זיך אָפּרוען. די זון, א נידעריקע, קוקט אַרײַן אין אונדזער לעבן, גלעטנדיק דורך אירע שטראַלן מיט א מילדער וואַרעמקייט אונדזערע קערפּערס וואָס זענען האַלב צוגעפֿרוירן, פֿון לעבן לאַנג אונטער דעם פֿרײַען הימל און שלאָפֿן אויף דער הוילער ערד, פֿון וועלכע עס יאָגט אַרויס א ווינטערדיקע קעלט, אָנזאָגנדיק דעם אָנקום פֿון ווינטער. די חברטעס אונדזערע האָבן צעוואַשן א ביסל וועש און אויסגעהאָנגען אויף די ביימער. אַלץ צוזאַמען האָט געשאַפֿן א היימישן ליכטיקן ווינקל אין דער ווילדערניש פֿון אַרומיקן וואַלד. עטלעכע טריט אַרויס פֿון דעם קרײַז איז שוין פֿינצטער, אָנגעוואָרפֿן, נישט־קולטיווירט. דורך א קורצער צײַט שאַפֿט דער מענטש מיט זײַן פֿאַרהאַלטן זיך אויף אַן אָרט, א ווינקל ווו עס הייבט אָן אויפֿצולעבן.

אין דער געמיטלעכקייט האָט זיך פּלוצלונג אַדורכגעריסן א שאָס, וואָס האָט געלעכערט די לופֿט, מיט א שטאַרקן אָפּקלאַנג און עס זענען געקומען עטלעכע ענטפֿערס, וואָס צוזאַמען האָט דאָס פֿאַרהילכט דער וואַלד־ווילדערניש. דאָס האָט אונדזער חבר אויפֿן וואַכפּאָסטן, זעענדיק אַז עס דערנענטערן זיך דײַטשן, אָנגעהויבן שיסן צו זיי און צו וואָרענען אונדז קעגן דער געפֿאַר, מען זאָל האָבן צײַט זיך גרייטן צום קאַמף. דער חבר איז דער ערשטער געפֿאַלן. „סאַשאַ", דער קאָמאַנדיר, פֿאַראָרדנט גלײַך אַראָפּצונעמען די וועש און מיט די באַוואָפֿנטע חברים שטעלט ער זיך קעמפֿן. געפֿירט זענען געוואָרן די דײַטשן דורך דעם שפּיאָן קאַראַבאָוויטש, וועלכן מיר האָבן שוין לאַנג אַרומגעזוכט, כדי אויסצופֿירן איבער אים אונדזער באַשטימטן טויטאורטייל. איצטער איז ער אומגעקומען דורך אונדזערע קוילן, אָבער צופֿיל האָבן מיר באַצאָלט פֿאַר זײַן טויט. עס זענען געפֿאַלן 6 חברים און 2 זענען פֿאַרוווּנדעט געוואָרן, רבקה שינדער וויסקאָווסקאַ און שמחה לאָווע. מיר זענען געווען גרייט צום קאַמף, צען באַוואָפֿנטע מיט 2 פּולעמיאָטן, איין דיעשאַטקע (א ביקס וואָס שיסט אַרויס מיט איין מאָל צען קוילן) וואָס סאַשאַ האָט געטראָגן און די איבעריקע האָבן געהאַט מאַוזער־ביקסן. די דײַטשן זענען געקומען באַוואָפֿנט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס מיט די נײַסטע געווער און 20 מאָל אַזוי פֿיל אין צאָל. דער וואַלד איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין א הילכיקער פּאָזיציע. סווישטשענדיקע קוילן רײַסן זיך דורך דער לופֿט, צווישן די ביימער, אָפּברעכנדיק צווײַגן. באַפֿעלן, געריטשעטע ווי די חזירים הערן זיך פֿון די דײַטשע עלטסטע. פֿון דעם גרויסן געראַנגל אין דער טיפֿעניש פֿון איזאָווער וואַלד זענען געפֿאַלן פֿיל קעמפֿערס, פֿרויען און מענער. צווישן די פֿרויען קעמפֿערינס האָט זיך אויך געפֿונען סאַשאַס פֿרוי פֿאַני. זייענדיק אין א אַרומרינגלונג, נאָכן האָבן אויסגעשאָסן אין דעם שונא ביז דער לעצטער קויל, האָט סאַשאַ די לעצטע קויל געגעבן זיך, ווי דאָס געזעץ איז פֿאַר א העלדיש איבערגעגעבענעם קעמפֿער, בכדי נישט אַרײַנצופֿאַלן א לעבעדיקער אין דעם שונאס הענט.

מיט דעם איז פֿאַרענדיקט געוואָרן זײַן העלדיש און קעמפֿע־

ריש לעבן. ער װעט שטענדיק זײַן פאַר אונדז, זײַנע חברים און זײַן פאָלק אַ מוסטער פון העלדישקייט און אויסגעהאַלטנקייט פון װעל־כער עס װעלן זיך לערנען און נעמען אַ ביישפּיל קומענדיקע דור־רות.

דער אָנקום פון דער נאַכט האָט איבערגעריסן דעם קאַמף. די דײַטשן האָבן צוגענומען זייערע דערהרגעטע און דעם טויטן שפּיאָן, און מיטן לעצטן געװויש פון זייער אויטאָמאָטאָר זענען זיי אין דער פינצטער פאַרשװוּנדן.

פון דעם געהיימניספולן טיפן װאַלד איז די שטילקייט נאָך שטילער געװאָרן. אויף דעם אָרט װוּ אונדזערע העלדישע חברים־קעמפערס האָבן זייער לעצטן אָטעם אַרויסגעלאָזט האָבן די ביימער מיט זייערע בלעטער פאַרשטעלט די זיך אַראָפּלאָזנדיקע זון, עס זאָל נישט געשטערט װערן זייער אייביקער רו.



נחמן מייזיל (ניו־יאָרק)

# מרדכי אַניעלעוויטש

## הויפּט־קאָמאַנדיר פונעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד

.1

„דאָס וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, לאָזט זיך נישט באַשרײַבן מיט ווערטער. מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון פון איין זאַך: דאָס, וואָס איז געשען, האָט איבערגעשטיגן אונדזערע סאַמע דרייסטע טרוימען...”

און ווײַטער: „... זײַ געזונט, מײַן טייערער! אפשר וועלן מיר זיך נאָך טרעפן. דער טרוים פון מײַן לעבן איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. די ייִדישע זעלבשוץ אין געטאָ איז געוואָרן אַ פאַקט. דער ייִדישער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד און די ייִדישע נקמה האָבן באַקומען רעאַלע פאָרמען. איך בין געווען אַן עדות פון אַ פּרעכטיקן, העראָיִשן קאַמף פון די ייִדישע אויפשטענדלערס”.

אַזוי האָט געשריבן דער יונגער, 24יאָריקער מרדכי אַניעלעוויטש פון וואַרשעווער געטאָ־גיהנום צו זײַן חבר יצחק צוקערמאַן (אַנטעק) דעם 23טן אַפּריל 1943, אין סאַמע ברען פונעם פאַרצווייפלטן, אָבער העראָיִשן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, בעתן גרויליקן העלדישן קאַמף, — דעם קאַמף מער פאַר אַ ווערדיקן טויט, ווי פאַרן טראַגישן לעבן. דער יונגער הויפּט־קאָמאַנדיר מרדכי אַניעלעוויטש, אין זײַן טיפער באַשיידנקייט, שרײַבט, אַז ער איז „געווען אַן עדות פונעם העראָיִשן קאַמף”. מיר ווייסן, אַז ער איז געווען פיל מער ווי בלויז אַן עדות. ווען ער האָט געשריבן דעם לעצטן בריוו, האָט ער מיט זײַנע קאַמפסגרופּעס זיך געפונען אין די מוראדיקסטע געפערלעכע באַדינגונגען. ער שרײַבט אַליין אין זײַן בריוו: „עס זענען נישטאָ קיין ווערטער צו באַשרײַבן אין וואָס פאַרא באַדינגונגען עס לעבן איצט ייִדן אין געטאָ. בלויז יחידים וועלן דאָס אויסהאַלטן. אַלע אַנדערע וועלן פריִער אָדער שפּעטער אומקומען. זייער גורל איז געחתמעט. כמעט אין אַלע מלינות (בונקערס), אין וועלכע עס באַהאַלטן זיך אויס טויזנטער מענטשן, קאָן מען נישט אָנצינדן קיין ליכט, ווײַל עס פעלט לופט” (ב. מאַרק — „חורבות דערציילן”, 1947, ז' 251).

און נישט נאָר אַלעמענס גורל איז געווען געחתמעט, אויך זײַן, מרדכי אַניעלעוויטשעס גורל איז געווען געחתמעט. אין די גרויזאַמסטע באַדינגונגען אינעם בונקער פונעם הויפּטשטאַב פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויף מילאַ־גאַס 18, וווּ ער מיט אַ צאָל פון זײַנע קאַמפּס־אָפּטיילונגען האָבן זיך געפונען, איז מרדכי אַניעלעוויטש געווען טעטיק, העלדיש געראַנגלט זיך, געקעמפט און לסוף מוטיק און אין די מוראדיקסטע יסורים אומגעקומען. זײַן האָפענונג — „אפשר וועלן מיר זיך נאָך טרעפן” — איז נישט מקוים געוואָרן! נאָך דער שלאַכט פונעם 8טן מײַ 1943, איז ער, צוזאַמען מיט זײַן טרײַער חברטע מיראַ פוכרער און מיט נאָך אַן אַכציק קעמפערס געפאַלן, ווען דער בונקער איז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דעם דײַטשן מיליטער וואָס האָט פאַרכאַפּט אַלע אַרײַנגענג צום בונקער און פאַרוואָרפן אים מיט האַנטגראַנאַטן און גאַזבאָמבעס...

וועגן דעם גרויליקן „לעבן” פון די העלדישע געטאָ־אויפשטענדלערס אין דעם בונקער און וועגן די לעצטע טעג פון די פאַרצווייפלטע קאַמפן צווישן די ברענענדיקע חורבות און וועגן דער האַלטונג פון דעם יונגן מרדכי אַניעלעוויטש, האָבן מיר רירנדיקע און אויפטרייסלענדיקע שילדערונגען. עס דערציילט טוביה באַזשיקאָווסקי, איינער פון די טיכטיקסטע קעמפער־אויפשטענדלער: „דער בונקער אויף מילע 18 איז געווען נישט נאָר אַן אָרט פון גרויסע ייִדישע לײדן און אַ באַזע פון אַ גרויסער צאָל קאַמפּסגרופּעס. דאָרט איז אויך געווען די הויפּט־קאָמענדאַנטור פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. דער בונקער אויף מילאַ 18 איז געווען דער הויפּטנערוו און דער צענטראַלער פּונקט פון דער אויפשטאַנד־באַוועגונג. פון דאָרט האָבן זיך געצויגן פעדעם צו אַלע קאַמפּס־פּאָזיציעס פון געטאָ. דאָרט אַהין זענען געקומען די פאַרבינדונגס־מענער און קעמפערס איבערצוגעבן באַריכטן פון די באַזונדערע קאַמפּס־אָפּשניטן און פון דאָרט זענען אַרויסגעגאַנגען אינסטרוקציעס פון דער קאָמענדאַנטור בנוגע דער טאַקטיק אינעם קאַמף, וועגן דעם אַריבערוואַרפן כוחות פון איין אָרט אויפן צווייטן אא”וו”. אויך דאָס „לעבן” גופא אינעם בונקער האָט פאַרלאַנגט פיל אויפמערקזאַמקייט, פאַרשטענדעניש און „סטראַטעגיע”. און ט. באַזשיקאָווסקי שרײַבט: „...מרדכי אַניעלעוויטש האָט פיל בײַגעטראָגן אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון די חברים אויף מילאַ 18. ער האָט נישט ווייניק צוגעהאָלפן בײַם אויסבילדן גוטע באַציִונגען צווישן די חברים און גרופּעס פון פאַרשידענע ריכטונגען. ער איז געווען דער לעבעדיקער נערוו און געהאַלטן אין האַנט אַלע פעדעם פון דער גרופּעס־טעטיקייט אין בונקער. אין דעם ענגן און איבער די ברעגעס אָנגעפּראָפּטן בונקער, וווּ מען האָט באַדאַרפט קעמפן מיט די עלנבויגנס בכדי זיך דורכצושטופּן פון איין ווינקל אין צווייטן, האָט מען שטענדיק געזען מרדכין אַרויספּלאָנטערן זיך פון איין קנויל מענטשן און אַרײַן אין אַ צווייטן. אומעטום האָט ער געמוזט זײַן. מיט יעדן חבר איז ער געקומען פּערזענלעך אין באַרירונג און

אויפגענומען אלע ידיעות פון די באזונדערע קאמפסערטער. מיט יעדן חבר האט ער זיך אויך באראטן וועגן די לויפנדיקע שוועריקייטן און וועגן דער טאקטיק אין קאמף. מרדכי איז געווען פון אלעמען אנערקענט און ער האט געשטארקט מיט זיין אנוועזנהייט".

.2

מרדכי אניעלעוויטש, דער יונגער ווארשעווער בחור, האט קיין מיליטערישע אקאדעמיע נישט געענדיקט. ער האט אין קיין סטראטעגישע שולעס נישט געלערנט. דער גרויזאמער גורל האט אים ארויסגערוקט אין די פאדערשטע רייען און איבערגעגעבן אין זיינע הענט צו פירן קריגס־אפעראציעס מיט א לחלוטין נישט־גלייכן שונא, ביי די אויסטערלישסטע באדינגונגען און אויף די מערקווערדיקסטע פאזיציעס. נישט געקוקט אויף די פארצווייפלטע קאמפן, וואס מ'האט פירגענומען, האט דער יונגער קאמאנדיר אויסגעארבעט פלענער לויט די אלע קריגסמעטאדן. דער ציל פון דעם פארשטייענדיקן אויפשטאנד אין דער ווארשעווער געטא איז פאר זיינע אנפירערס געווען א גאנץ קלארער. ס'איז אינעם שיפרירטן בריוו (צו די ברידער אין אויסלאנד) געשריבן געווארן: „מארגן הייבט זיך דאס אן. מיר ווייסן זייער גוט וואס עס דערווארט אונדז. מיר טרעטן ארויס כדי צו דערפילן דעם חוב, פון וועלכן עס איז נישטא קיין צוריקוועגס. אבער מיר וועלן עס אויספירן בשלימות. איר קאנט דערין זיכער זיין!"

הערש וואסער, איינער פון די פאפולערע טוערס אין דער ווארשעווער געטא (ער איז געווען, אגב, אין דער דעלעגאציע פון דעם פוילישן צענטראל־קאמיטעט אין אמעריקע, זומער 1946) דערציילט, אז אויף דער קאנפערענץ פון דער קאמענדאנטור דעם 18טן אפריל 1943 (א טאג פארן אנהייב פונעם געטא־אויפשטאנד), אין וועלכער ער האט זיך באטייליקט, „האט מרדכי אניעלעוויטש זיי באקאנט (געמאכט) מיט די סטראטעגישע ריכטליניעס פון די קומענדיקע געטאקאמפן: נאך עטלעכע עפעקטפולע אנגריפן, וואס זאלן דעם שונא פארשארפן שמערצלעכע פארלוסטן, וועלן די פארטייריקערס אריבערגיין צו פארטיזאנישע קאמפסמעטאדן. מאטערן די דייטשן מיט אומאויפהערלעכע אנגריפן פון הינטערן טויער, פענצטער, חורבה — ביי טאג און ביי נאכט, אויסקרישלען פון די אנגרייפערס זייער געווער און חוצפה. מיר האבן געשאפן אונדזער אייגענע סטראטעגיע אינעם געטא־לאבירינט. חדשים וועלן די דייטשן מוזן קעמפן אין געטא, און אויב מיר וועלן באקומען אזוי פיל געווער, אמוניציע און אויפרייס־מאטעריאלן, וויפל מיר פאדערן און דארפן, וועלן די שלאכטן אין געטא אפקאסטן דעם שונא א ים בלוט. מיר וועלן אויך ווייזן דער פוילישער ארבעטערשאפט, וואס עס הייסט (האבן) גלויבן און צוטרוי אין אייגענע כוחות. דאס זענען געווען די רייד פון מרדכי אניעלעוויטש א טאג פארן אויפשטאנד" (ב. מארק — „חורבות דערציילן", ז' 195).

אז מרדכי אניעלעוויטש האט זיך פיבערדיק און ליידנשאפטלעך געגרייט צום העראישן אויפשטאנד דערציילט זיין טרייע לעבנס־באגלייטערין און מיטקעמפערין מירא פוכרער, וועלכע איז געשטאנען ארום אים די גאנצע צייט פונעם אויפשטאנד און איז מיט אים אומגעקומען. אין איינעם פון אירע בריוו צו חברים קיין אויסלאנד האט זי געשריבן: „מרדכי איז זייער שטארק פארנומען מיט משפחה־ענינים טאג און נאכט. אויך איך בין טעטיק. איך בין זייער פארהאוועט. אבער מיין נישט, אז איך באקלאג זיך. עס איז מיר גוט. איך בין נאך קיין מאל נישט געווען אזוי גליקלעך... און קיין מאל האב איך אים (אניעלעוויטשן) אזוי נישט ליב געהאט מיט מיין גאנצן לייב און לעבן ווי איצט" (ב. מארק — ז' 174, מ. ניישטאדט „חורבן און אויפשטאנד פון די יידן אין ווארשע", תל־אביב, 1948, ז' 583).

ס'איז כדאי צו באמערקן, אז צום צווייטן יארטאג פונעם ווארשעווער געטא־אויפשטאנד (אפריל 1945) האט דער גענעראל־שטאב פונעם פוילישן מיליטער באערט מיט אויסצייכענונג־ארדנס פאר זייערע העלדישע קאמפן קעגן דעם נאצישן אקופאנט 50 געטא־קעמפערס. דער ערשטער אין דער רשימה איז מרדכי אניעלעוויטש. דאס צעטל איז פארעפנטלעכט אין לאדזשער „דאס נייע לעבן" (1טער מיי 1945 און אויך אין דערמאנטן מ. ניישטאדט־בוך (ז' 328).

.3

מרדכי אניעלעוויטש, דער יונגער קאמענדאנט פונעם אויפשטאנד אין ווארשעווער געטא, וועלכער איז אומגעקומען אונטער די חורבות פון דער צעשטערטער יידישער ווארשע, איז געבוירן געווארן אין ווארשע אין יאר 1919, אויף סאלעץ־גאס, אינעם פוילישן פראלעטארישן קווארטאל פאדווישליע, ווו ס'האבן געוווינט ווייניק יידן. דארט, אין זיין קווארטאל, האט „ער פון קינדווייז אן געהאט צו טאן סיי מיט אנטיסעמיטישע כוליגאנעס, סיי מיט באוווסטזיניקע פוילישע ארבעטערס, וועלכע האבן אינעם ערשטן מיי די ארעמע גאס פארוואנדלט אין א שלאכטפעלד" (ב. מארק, ז' 57). ער איז געווען א זון פון אן ארעמער הארעפאשנער פאמיליע, וואס האט געפירט א ביטערן געראנגל פאר דער עקסיסטענץ. „די מוטער האט פארקויפט פיש, ער אליין פלעגט אויפן וועג אין דער שול אויסטיילן פרישע געבעקס צו בעלי־ביתטעס" (מ. ניישטאדט, ז' 331). ער איז דערנאך געווען א שילער פון דער יידיש־פוילישער גימנאזיע „לאור". ער האט זיך באזונדערס אויסגעצייכנט אין דער גימנאזיע, באקומען א סטיפענדיע און באפרייט געווארן פון שכר־לימוד. ער איז געווען א גלענצנדיקער ספארטלער און געווען שטארק באליבט צווישן די חברים. אין עלטער פון 14־15 יאר איז ער אריינגעטראטן אין „השומר הצעיר", געווען מיטגליד פון גדוד „בחזית" (אין פראנט) און אין גיכן איז ער „איינער פון די טרייסטע און איבערגעגעבנסטע חברים פון ווארשעווער „קן" (נעסט, קעמערל). ער איז געווארן דער מדריך (אנפירער) פון א דערציִערישער קבוצה אין גדוד „תל עמל" און דערנאך (אין 1937) דער אנפירער פונעם גאנצן גדוד און א מיטגליד פונעם קן. דער קן האט זיך דאן געפונען אויף רימארסקע 12, נאענט צום זאקסישן גארטן, ביי דער גרענעץ פונעם פוילישן שטאטטייל, פון וואנען עס פלעגן זיך ארויסרייסן פון צייט צו צייט באנדעס פוילישע פאשיסטן און מאכן איבערפאלן אויף דער יידישער געגנט. אפט מאל האבן זיך דערטראגן צום קן געוואלדן און געקלאנג פון שויבן־ברעכעריי. גרופעס יוגנטלעכע פלעגן זיך דאן ארויסלאזן פון קן מיט שטעקנס אין די הענט, און מרדכי האט מיט זיי קאלטבלוטיק אנגעפירט און לויט א באשטימטן פלאן האט ער געגעבן קלעפ אן אויפגערעגטקייט! א מאל, נאך אין יענער צייט, האט איינער א חבר געזאגט: „ווען מרדכי וואלט נישט געווען קיין ייד, וואלט ער געווארן א גענעראל". מרדכי „איז געווען א הויכער, געזונטער, פלייסיקער" (ב. מארק — ז' 56, מ. ניישטאדט — זז' 331־332). ער איז געווען א פעסט־געבויטער, פארמאגט זעלבס־דיסציפלין און איז געווען אויסגעהאלטן אין זיינע האנדלונגען. אזא פאל: „צו די ארויסלאז־עקזאמענעס אין גימנאזיע (זומער 1938) איז ער געקומען אין דער „השומר"־קליידונג. די שול־דירעקציע, וועלכע איז שוין פון לאנג בייז געווען אויף אים, ווייל ער ציט אריין א סך תלמידים אין דער באוועגונג, האט אים — איינעם פון די בעסטע תלמי־

דים — דורכגעוואָרפן בײַ די עקזאַמענעס און ער איז געווען גע־צוווּנגען פאַרצוזעצן די לימודים נאָך אַ צוגאָביאָר" (מ. נײַשטאַדט, ז' 332).

אָנהייב די צווייטע וועלט־מלחמה איז מרדכי אַניעלעוויטש מיט אַ גרופּע חברים אַוועק קיין קאָלאָמיי, פון דאָרט אינעם שטעטל קוטי (קיטעוו), ווּ ער האָט אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט רומעניע. ווען ווארשע איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דײַטשן, איז מרדכי אַניעלעוויטש געקומען אין זײַן היימשטאָט. ער האָט דאַן באַזוכט אייניקע פּונקטן, וואָס די נאַצישע אָקופּאַנטן האָבן פאַרנומען. סוף 1939 איז ער אין שליחות פון דער באַוועגונג געווען אין ווילנע, פון וואַנעט ער איז יאַנואַר 1940 צוזאַמען מיט מירא פוכרער צוריקגעקומען און באַנײַט די אַרבעט פון זײַן קן. ער האָט רעאָר־גאַניזירט דעם „קן". אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג (אויף פּראָס־טע־גאַס נומ' 5), מאַרץ 1940, ווען די דײַטשע מערדערס האָבן שוין געהאַט פאַרכאַפּט פּוילן און ווארשע, „האָבן זיך באַטייליקט הונ־דערטער חברים און חברטעס". „מרדכי האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אינעם אידעאָלאָגישן ראַט פון דער באַוועגונג און דעם דריטן טאָג פון די ראַטזיצונגען האָט מרדכי אַניעלעוויטש געהאַלטן אַן אויס־פירלעכן רעפעראַט וועגן פּאָליטישע פּראָגנאָזעס. אַ יאָר שפּעטער האָט ער אָרגאַניזירט דעם צווייטן ראַט פון דער באַוועגונג און זיך באַ־טייליקט אין דערציִערישן סעמינאַר. ער איז געווען אַקטיוו אַלס מיטגליד פון דער אונטערערדישער הויפּט־אָנפירונג פון „השומר הצעיר" און נאָך דער דערמאָרדונג פון יוסף קאַפּלאַן איז ער גע־וואָרן מיטגליד פון דער אונטערערדישער „החלוץ"־צענטראַלע אין פּוילן". ער איז געווען איינער פון די הויפּט־מיטאַרבעטערס און באַ־טייליקטע בײַם אַרויסגעבן די אונטערערדישע צײַטשריפטן פון דעם „השומר הצעיר" „נגד הזרם" (קעגן שטראָם).

ווען אָנהייב 1942 זענען דערגאַנגען ידיעות, אַז פון די געגנטן וואָס זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן צום רײַך ווערן די ייִדן אַרויסגע־שיקט אין די טויטלאַגערן פון אַשוויענטשים, האָט זיך מרדכי אַניע־לעוויטש אַוועקגעלאָזט קיין אייבערשלעזיע, ווּ ער האָט זיך גע־טראָפן אחוץ מיט אַנדערע אויך מיטן פאַרזיצער פונעם דאָרטיקן יודענראַט מערין. דער יודענראַט־הויפּט האָט זיך באַמיט איבער־צײַגן מרדכין אין די „גוטע כוונות", די „פּאָזיטיווע מעשים" פון די יודענראַטן. מרדכי אַניעלעוויטש האָט אים אָפן און דרייסט דערקלערט אַז די ייִדישע יוגנט וועט זיך אַנטקעגנשטעלן מיט כּוח און געווער קעגן די ווײַטערדיקע דײַטשע גרויזאַמע „אַקציעס" און „זידלונגען" פון די ייִדן. ער האָט מיטגעהאָלפן צו אָרגאַניזירן זעלבשוץ־גרופּעס אין די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס פון דער באַוועגונג אין שלעזיע (מ. נײַשטאַדט, ז' 333 און זאַמלונג „ווארשעווער גע־טאָ־אויפשטאַנד", צום 4טן יאָרטאָג, לאַנדסבערג, דײַטשלאַנד, זז' 14־15). דערהערט אַז ס'זענען אומגעקומען אין ווארשע יוסף קאַפּלאַן און שמואל בראַסלאַוו (דעם 3טן סעפּטעמבער 1942), איז ער צוריקגעקומען קיין ווארשע און איבערגענומען די אָנפירער־שאַפט פון „השומר הצעיר". ווי ס'ווערט איבערגעגעבן דורך מ. נײַשטאַדט, האָט מרדכי אויך באַזוכט טשענסטאָכאָוו, ווּ ער האָט זיך געטראָפן מיט אריה ווילנער און צבי בראַנדעס און אויסגע־אַרבעט פּלענער ווי צו אָרגאַניזירן די זעלבשוץ אין פאַרשידענע שטעט, און ווי אָנצוהאַלטן קאָנטאַקט צווישן די פּונקטן (ז' 333).

„אין געטאָ האָבן אים אַלע געקענט און באַצויגן זיך צו אים מיט סימפּאַטיע און אַכטונג. פאַר די אונטערערדישע פּוילישע מאַכטאָרגאַנען איז ער דערשינען אונטערן נאָמען „אַניאָלעק" (מלאכל). ער איז געווען אַקטיוו און האָט אַקטיוויזירט אַנדערע טאָג און נאַכט. זײַנע געדאַנקען און זײַן גאַנץ (לײַב און) לעבן זענען געווען געווידמעט דער צוגרייטונג פון דער לעצטער שלאַכט" (ז' 334).

4.

מיר טרעפן דעם נאָמען מרדכי אַניעלעוויטש אין די פאַרשי־דענע ווערק, וואָס דערציילן וועגן דער ווארשעווער געטאָ. ד"ר הלל זיידמאַן אין זײַן „טאָגבוך פון ווארשעווער געטאָ" (בוענאָס־איירעס, 1947) גיט איבער וועגן אַ זייער טיף־טראַגיש מאָמענט — דעם געזעלשאַפטלעכן משפט איבער דעם ייִדישן מסור און פאַררעטער ד"ר אַלפרעד נאָסיג, וואָס האָט, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, טרײַ און ערלעך געדינט די דײַטשע נאַציס און אין געטאָ האָט ער גע־האָלפן דעם אויסראָט פון ייִדן. דערציילט ער, אַז „דער יונגער אַניעלעוויטש, וואָס איז בײַגעווען, האָט געזאָגט: „זײַנע פאַרדינסטן פון פריִער? זײַנע טאַלענטן? אדרבא, דאָס ליגט אויף אים אַרויף נאָך מער אחריות"... (ז' 248). ווי באַקאַנט, האָט דאָס געריכט אַרויסגעטראָגן קעגן ד"ר א. נאָסיג, דעם מנובל, אַ טויטשטראָף, וואָס איז אויסגעפירט געווען דורך דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין ווארשעווער געטאָ דעם 12טן מאַרץ 1943" (ז' 248).

נאָך פריִער, דעצעמבער 1942, איז פאָרגעקומען אין אַ באַ־העלטעניש אַ לאַנגע, לײַדנשאַפטלעכע דיסקוסיע איבער די דער־הויבנסטע און געשיכטלעך־טיפסטע פּראָבלעמען פונעם ייִדישן פאָלק אין פאַרבינדונג מיט דער אַרומיקער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע. ס'זענען באַטייליקט די וויכטיקע היסטאָריקערס, דענקערס, דיכ־טערס, כּלל־טוערס פונעם געטאָ, און די „דיסקוסיע" ווערט געפירט מיט ברען... און „אַזוי ציט זיך די דיסקוסיע אָן אַ סוף, ביז ס'קו־מען אַרײַן יוסף טענענבוים און זײַן פרוי אירענאַ, מ. אַניעלעוויטש, פּרץ לאַנדוי, י. רייזמאַן און פרײַלין טאַשיאַ... זיי רעדן אויך וועגן נקמה, אָבער אָן „גענדזנפּיסלעך" און אָן ליטעראַטור"... — — „זיי זענען געקומען רעדן וועגן געווער. „כּבוד", „ווערדע", „פאַלן מיט כּבוד", צו אַלדי... דריקן זיי זיך אויס ברוטאַל. דאָס איז אַן ענין פאַר צײַטונגס־שרײַבער, גיבן זיי מיר אַ שטאָך. נאָר אויב שוין גיין צו דער שחיטה, ווילט זיך האָבן איין מינוט פאַרן טויט דאָס זיסע נקמה־געפיל, דערזען דאָס טריפנדע בלוט פון דער בעסטיע זיך גיסן. וועט זײַן רעוואָלווערן, איז גוט. אַנישט — האָט מען אָנ־געגרייט מעסערס..." (ז' 174).

אַן אינטערעסאַנטע באַמערקונג וועגן מ. אַניעלעוויטשן און זײַנע חברים האָבן מיר בײַ ד"ר ע. רינגעלבלום אין זײַנע „נאָטיצן פון ווארשעווער געטאָ", (ווארשע 1952): „די אָנהענגערס פון מרדכי (אַניעלעוויטש) האָבן נאָכן אָנהייב פון רוסיש־דײַטשן (קריג) באַשלאָסן צוריקציִען זייערע מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די דײַטשע פּלאַצוווקעס, כּדי נישט צו העלפן דעם שונא פון ראַטן־פאַרבאַנד. אַנדערש טוען די „אייניקע פאַרשטייערס", זייער קאָאָפּעראַטיוו, אָגראָדאָוואַ 40, האָט געליפערט די בעסטע סחורה פאַר די שאַפּן. שטאַרקע פּרײַזן — שוואַכע פּרײַזן — שוואַכע מעשים, אָבער אייגנטלעך קיינע מעשים. מער נישט אין אויסלאַנד בלאָפט מען, אַז מען טוט אויף ווער ווייסט וואָס" (ז' 224).

וויכטיקע פּרטים וועגן מרדכי אַניעלעוויטשן, ווי ער האָט זיך געהאַלטן אין געטאָ, ווי ער האָט אויפגענומען וויכטיקע פּאָליטישע פראַגעס און ווי אַזוי ער האָט זײַן שטעלונג אַדורכגעפירט אין לעבן, אין קאַמף, ברענגט די באַוווּסטע כײַקע גראָסמאַן אין איר אינטערע־סאַנט בוך „אנשי המחתרת" (מענטשן פון אונטערגרונט, מרחביה, ישראל, 1950, 448 זז'). זי האָט, פאַרשטעלט פאַר אַ קריסטלעך מיידל, אייניקע מאָל באַזוכט אין שליחות דאָס ווארשעווער געטאָ

און זיך געטראָפֿן עטלעכע מאָל, בײַ פֿאַרשידענע וויכטיקע אָנגעלעגנהייטן, מיט מרדכי אַניעלעוויטשן, וואָס האָט געטראָגן טרײַ און איבערגעגעבן, קלוג און געדולדיק זײַנע אומגעהײַערע אויפֿגאַבעס און פֿליכטן. „ער אײַלט, אָט איז שוין נאָכן טאָג, און ס'איז נאָך פֿאַראַן פֿיל אַרבעט". און שוין בײַ דער ערשטער באַגעגעניש האָט ער דערוועקט צוטרוי און אַכטונג. כײַיקע כאַראַקטעריזירט אַזוי מרדכיס כאַראַקטער: אַ קלאָרער פֿאַרשטאַנד, אַן דריידלעך, מאַרקסיסטיש באַגרינדעט, אַן אַקטיווער, מוטיקער און אַן אײַנגעהאַלטענער. אַקטיווקייט אין געדאַנק, און געדאַנק אין דער טעטיקייט. שפּירנדיק שאַרף די געפֿאַר, איז ער אַ בריה קאַלטבלוטיק און באַרעכנט זי אויסצומײַדן. שטענדיק פֿאַרנומען מיט טראַכטענישן, אָבער גלײַכצײַטיק וואַך פֿאַר יעדער זאַך. און ווי גלענצנדיק ער האָט אויפֿגעפּאַסט אַלץ וואָס איז פֿאָרגעקומען אַרום, און ווי ער האָט געקאָנט תּופֿס זײַן די שטעלונג — אָפּט מאָל אַ ווידערשפּרעכנדיקע — פֿון די מיטקעמפֿערס אין דער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע. ער האָט געהאַט בײַ די אויפֿפּאַסונגען אַ ווײַטן היסטאָרישן בליק. ער האָט געהאַט אין זינען די געשיכטע, די צוקונפֿט, וואָס וועט קומען שפּעטער, ווען קיינער פֿון די קעמפֿערס וועט שוין נישט זײַן (זז' 87־98).

.5

יאָנאַס טורקאָוו, דער באַוווּסטער שוישפּילער און רעזשיסער, דער מחבר פֿון עטלעכע גרינטלעכע ווערק וועגן דעם חורבן און ווידערשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, גיט מיר איבער פֿאָלגנדיקע נײַע פּרטים וועגן דעם יונגן קעמפֿער־מאַרטירער:

„איך האָב זיך באַקענט מיט מרדכי אַניעלעוויטשן בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע אין וואַרשע, אָנהייב 1940.

„איך בין דעמאָלט געווען דער אָנפֿירער פֿון פּליטים־ און נשרפֿים־אָפּטיילונג פֿון דער ייִדישער אַליינהילף (רימאַרסקע 20). געקומען איז צו מיר מרדכי אַניעלעוויטש (צוזאַמען מיט יוליא שאַפּירשטיין) וועגן אַ לאָקאַל אויף לעשנע 6, וואָס איז געווען פֿאַרנומען פֿון אַ קיבוץ פֿון „השומר הצעיר". אַזוי ווי דער לאָקאַל האָט זיך געפֿונען אויפֿן 5טן שטאָק, האָבן מיר געוואָלט איבערטראָגן דעם קיבוץ ערגעץ אַנדערש. מ. אַניעלעוויטש האָט פֿאַרלאַנגט, מען זאָל דעם קיבוץ איבערלאָזן אין דער זעלביקער דירה, ווײַל זיי האָבן שוין דאָרט אינסטאַלירט אַ קיך, וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט גרעסערע הוצאות. דורך מײַן ביוראָ, אין דער אַליינהילף, פֿלעגן דורכגיין טויזנטער מענטשן און ס'איז דעריבער שווער געווען צו געדענקען אַלע באַזוכערס.

„ווי מאָדנע דאָס זאָל אָבער נישט קלינגען, — מרדכי אַניעלעוויטש האָט באַלד פֿונעם ערשטן מאָמענט, ווי נאָר ער האָט מיט מיר אָנגעהויבן צו רעדן, געמאַכט אויף מיר אַן אויסערגעוויינלעכן אײַנדרוק. ער איז געווען אַ הויכער, פֿעסט־געבויטער יונגער־מאַן, מיט אַן איידעלער באַנעמונג; ער האָט פֿאַרמאָגט אַ קלוג, גוטמוטיק, אָבער זייער ענערגיש פּנים, צעשמייכלטע אויגן, פֿון וועלכע עס האָבן אַרויסגעלויכטן פֿײַערלעך, וואָס האָבן ממש סוגעסטיאָנירט.

„ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן צו מיר פּויליש. אויף מײַן פֿראַגע, צי ער קען נישט קיין ייִדיש, האָט אַניעלעוויטש געענטפֿערט, אַז ס'איז אים לײַכטער צו רעדן אין דער פּוילישער שפּראַך".

„יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט, איז געווען געוווױגן און געמאָסטן. ער האָט אַרגומענטירט מיט אַן אײַזערנער לאָגיק. אויף אַלע מײַנע קעגן־אַרגומענטן ,האָט ער געענטפֿערט רויִק און געלאַסן, אָבער מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז מען האָט געקאָנט פֿאַר־



שטיין, אַז עס וועט זײַן אַזוי ווי ער וויל. ער האָט מיר טאַקע געגעבן אָנצוהערן, אַז זיי וועלן די דירה אויף לעשנע־גאַס נישט פֿאַרלאָזן!

„איך האָב דערפֿילט, אַז דער יונגער בחור באַזיצט עפּעס אַ כּוח, וועלכן ס'איז אוממעגלעך זיך אַנטקעגנצושטעלן. ס'איז מיר דעמאָלט, נישט־ווילנדיק, אַדורך אַ געדאַנק, אַז דער דאָזיקער יונגער־מאַן וועט נאָך בײַ אונדז שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע.

„ווען איך האָב שפּעטער גערעדט מיט ד"ר עמנואל רינגעלבלום און אים איבערגעגעבן וואָס פֿאַראַ אײַנדרוק עס האָט אויף מיר געמאַכט אַניעלעוויטש ,האָט ער מיר געענטפֿערט: — יאָ, פֿון דעם בחור וועלן מיר נאָך האָבן אַ סך נחת!...

„צום צווייטן מאָל איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפֿן מיט מרדכי אַניעלעוויטש בײַ פֿאָלגנדיקע אומשטענדן: איך האָב זיך דערוווּסט אַז די טענצערין פֿראַנטשישקאַ מאַנוווּנאַ אַרבעט פֿאַר דער „געסטאַפּאָ" און זי האָט זיך „פֿאַראינטערעסירט" מיט דער אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס די אונטערערדישע באַוועגונג האָט אַרויסגעגעבן אין געטאָ. איך האָב געהאַט ידיעות, אַז מאַנוווּנאַ איז אויף די שפּורן פֿון אייניקע אָרגאַניזאַציעס, וווּ מען האָט געדרוקט אָדער קאָלפּאָרטירט די אונטערערדישע אויסגאַבעס. זי האָט זיך, צווישן אַנדערע, צו פֿיל אינטערעסירט מיט דעם „קן" אויף נאַלעווקעס 23. די אינפֿאָרמאַציעס, וועלכע איך האָב געקריגן, האָב איך איבערגעגעבן די געהעריקע אונטערערדישע אינסטאַנצן.

„מ. אַניעלעוויטש האָט מיך רויִק אויסגעהערט און אויף זײַן שטײַגער, מיטן באַקאַנטן שמייכל, לאַקאָניש געענטפֿערט: גוט צו וויסן!...

„אינעם זעלביקן טאָג איז טאַקע די חברטע פֿונעם „קן" אויף נאַלעווקעס 23, אויף וועמענס שפּור עס איז געפֿאַלן פֿראַנטשישקאַ מאַנוווּנאַ, אַוועקגעשיקט געוואָרן, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, קיין גראָדנע. אַלע איבעריקע שפּורן פֿון דער דרוקערײַ און ליטעראַטור, וואָס עס האָט זיך דאָרט געפֿונען, זענען פֿאַרווישט געוואָרן. אויף מאַנוווּנאַ האָט די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אַרויסגעטראָגן אַ טויטאורטייל.

„ווען עס איז אין געטאָ באַקאַנט געוואָרן, אַז מרדכי אַניעלעוויטש איז באַשטימט געוואָרן פֿאַרן הויפּט־קאָמענדאַנט פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, איז עס פֿאַר מיר געווען גאַנץ נאַטירלעך: דער ריכטיקער מאַן אויפֿן ריכטיקן אָרט!

„דערנאָך האָב איך זיך געטראָפֿן מיט אַניעלעוויטשן אין דער „אַליינהילף" (אינעם לעצטן זיצאָרט פֿון דער אָרגאַניזאַציע, אויף נאָוואָליפּקע 25). דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פֿון דער „אויסזידלונג", יולי 1942. ער איז בײַ מיר געווען מיט מרים היינסדאָרף. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָפּשטעמפּלען די „שײַנען" פֿאַר די מיטגלידער פֿון „השומר הצעיר". די דאָזיקע „שײַנען" האָבן געזאָלט פֿאַרהיטן פֿון דער „אויסזידלונג". איך האָב דעמאָלט איבערגעגעבן אַניעלעוויטשן און היינסדאָרף דעם שטעמפּל, זיי זאָלן אָפּשטעמפּלען וויפֿל „שײַנען" זיי דאַרפֿן. זיי האָבן עס געטאָן אויפֿן אָרט.

„צום לעצטן מאָל איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפֿן מיט אַניעלעוויטשן באַלד נאָכן העלדישן ווידערשטאַנד, בעת דער יאַנואַר־„אַקציע" 1943. וועגן אַניעלעוויטשעס העלדישקייטן בעת דער דאָזיקער „אַקציע" איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן, וועל איך זיך נישט איבערחזרן. איך האָב אים געטראָפֿן אין דער באַגלייטונג פֿונעם מיטגליד פֿונעם שטאַב פֿונעם „זשאָב" (ייִדישע קאַמפֿס־אָרגאַ־

ניזאַציע) לוטעק ראַטבלאַט, וואָס איז דעמאָלט געווען אָנגעטאָן ווי אַ געטאָ־פּאָליציאַנט.

„איך האָב אים גראַטולירט צו זײַן גרויסן נצחון דעם 18טן יאַנואַר. אַניעלעוויטש האָט, בײַ זײַן גרויסער באַשיידנקייט, נישט געוואָלט רעדן וועגן דעם. ווען ראַטבלאַט האָט מיט מיר אָנגעהויבן צו רעדן וועגן געווער, וואָס מיר האָבן געזאַמלט אויף מילע 18 (אינעם געוועזענעם עמיגראַנטן־האָטעל), האָט מ. אַניעלעוויטש ווי אויפגעלעבט, און צוגעגעבן: — אָט, וועגן דעם דאַרף מען איצט רעדן! דאָס איז איצט דאָס איינציקע פּראָבלעם, וואָס אינטערעסירט אונדז!

„לײדער איז דאָס געווען דאָס לעצטע מאָל, ווען מיר איז אויסגעקומען צו רעדן מיטן אומפאַרגעסלעכן מרדכי אַניעלעוויטש".

עד כאן יאָנאַס טורקאָוו.

6.

דער ערשטער באַוואָפנטער פאַרמעסט און געראַנגל פון מרדכי אַניעלעוויטש מיט די דײַטשע בעסטיעס איז פאָרגעקומען אין יאַנואַר 1943. דאָס איז געווען מאָנטיק, דעם 18טן יאַנואַר 1943. טוביה באָזשיקאָווסקי מאָלט אַזוי יענעם גרויזאַמען טאָג: „פריִ־מאָרגן־שעהען פון דעם ווינטערדיקן באַגינען. פון די הײַזער האָבן, ווי תמיד, אָנגעהויבן אַרויסקריכן ייִדן מיט פאַרזיכטיקע טריט און דערשראָקענע אויגן, מיט דער געוויינלעכער אומזיכערקייט פאַרן אָנקומענדיקן טאָג. דאָ און דאָרט, פון גאַסן און געסלעך, האָבן מחנות ייִדן אָנגעהויבן ציִען צום זאַמלפּונקט, פון וואַנען מען גייט אַרויס פון געטאָ צו דער אַרבעט. אויפן פּלאַץ בײַם „יודענראַט" זענען שוין געשטאַנען אויסגעשטעלטע רייען צום איבערצײלן. פּלוצלינג האָט יעדער אָנגעהויבן צו פילן אַז עפּעס גרייט זיך הײַנט אויסערגעוויינלעכס. אַלעמען האָט באַהערשט אַ שרעקלעכע נערוועזיטעט... מאָמענטאַל איז דאָס געטאָ בלאָקירט געוואָרן פון אַלע זײַטן מיט שטאַרקע מיליטער־אָפּטיילונגען, באַלד האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן עס־עס־לײַט, זשאַנדאַרמען און אוקראַיִנער, וועלכע האָבן זיך צעזייט איבער אַלע ווינקלען פון געטאָ. די פּאַרטיעס ייִדן, וואָס זענען שוין געשטאַנען גרייט אָפּצומאַרשירן צו דער אַרבעט, זענען גלײַך פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. אויף די גאַסן זענען געכאַפּט געוואָרן אַלע מענטשן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן זיך רעכטצײַטיק אויסצובאַהאַלטן. די דײַטשן האָבן געעפנט אַ שיסערײַ אויף יעדן וואָס האָט אַרויסגערופן אַ מינדסטן חשד, אַז ער וויל אַנטלויפן"...

„די מהומה, — שרײַבט ווײַטער ט. באָזשיקאָווסקי, — האָט זיך פאַרגרעסערט פון מינוט צו מינוט. דער גרויזאַמער טאָג, וואָס די שרעק פון זײַן אָנקום האָט לאַנגע חדשים געמאַטערט יעדן איינציקן, איז געוואָרן אַ פאַקט. די אויסראָטונג־אַקציע ווערט פון מינוט צו מינוט שרעקלעכער. עס ווערן שוין נישט געשוינט קיין אַלטע לײַט, קיין פרויען און קינדער. אַלע ווערן געשלײַדערט מיט דער גרעסטער אכזריות, באַגלייט מיט קלעפּ און באַליידיקונגען... — — אַלע ווערן געשלײַדערט אין די וואַגאָנען און געפירט צום טויט... — — — דאָס געהילך פון ביקסן און מאַשין־געווער האָט פאַרטויבט די קולות פון די וואָס רײַסן זיך צום לעבן און ווערן געשלעפּט צום טויט. דער פּײַנלעכער געיאָמער פון קליינע קינדער האָט זיך אויסגעמישט מיט די קרעכצן פון קראַנקע. דער גאַנצער וועג, דורך וועלכן עס זענען געפירט געוואָרן די פּאַרטיעס צום „אומשלאַג", איז געוואָרן באַזייט מיט טויטע און מיט מענטשן וואָס האָבן זיך געראַנגלט אין די לעצטע גסיסה־קראַמפּן" (ט. באָזשיקאָווסקי — „צווישן פאַלנדיקע ווענט", זז' 16־17).

בײַ ב. מאַרק ווערט אַזוי געשילדערט דער באַוואָפנטער צוזאַמענשטויס פון די קעמפערס מיט די דײַטשע מערדערס: „...די ייִדישע נקמה־נעמערס האָבן לכתחילה געמיינט אונטערצונעמען אַן אָפענע גאַסנשלאַכט. זיי האָבן זיך צונויפגעמישט מיט דער מאַסע, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן צום גירוש, אויף מילע און זאַמענהאָף. צווישן דער מאַסע איז אויך געווען מרדכי אַניעלעוויטש. ווען די עטלעכע־הונדערט־קעפּיקע מאַסע האָט זיך געפונען אויפן צונויפקום פון די גאַסן זאַמענהאָף־מילע־ניזקע, איז געפאַלן אַ סיגנאַל, און פון פאַרשידענע זײַטן האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף די דײַטשן אַ רעגן קוילן. בײַ די דײַטשן ברעכט אויס אַ מהומה. די ייִדן צעלויפן זיך. דערבײַ ווײַזן די ייִדישע קעמפערס אַרויס אַ געוואַלדיקע גבורה" (ב. מאַרק — חורבות דערציילן", זז' 143־144).

וועגן דעם צוזאַמענשטויס דערציילט אויספירלעכער ט. באָזשיקאָווסקי אין זײַנער אַ באַשרײַבונג „די ערשטע": „...די שומרים האָבן באַוואָרפן מיט גראַנאַטן די דײַטשן, וואָס האָבן געפירט די פּאַרטיע, און די ס"ס־לײַט פון אויסזידלונגס־שטאַב... בײַ די דײַטשן איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע בהלה. פיל ס"ס־לײַט זענען געפאַלן טויט. די אַנדערע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, און די גאַנצע פּאַרטיע ייִדן איז זיך צעלאָפן, די קעמפערס (מיט מרדכי אַניעלעוויטש אין שפּיץ) האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין אַ קליין הײַזל אויף ניזקע און באַשאָסן די שפּעטער־אָנקומענדיקע דײַטשע פאַרשטאַרקונגען... נישט קאָנענדיק זיך אַרײַנקריגן אין הײַזל, האָבן די דײַטשן אונטערגעצונדן דאָס הײַזל. אַלע חברים פון דער גרופּע האָבן אויסגעשאָסן ביז דער לעצטער קויל און זענען אומגעקומען. ספּעציעל איז כדאַי צו דערמאָנען דעם קעמפער אליהו רוזשאַנסקי (עלעק). בעת ער איז שוין געלעגן כמעט אַ טויטער און נאָך מיט די לעצטע כוחות זיך געווענדט צו אַ צווייטן חבר, ער זאָל בײַ אים צונעמען דאָס געווער, כדי עס זאָל נישט אַרײַנפאַלן צו די דײַטשן. פון דער גאַנצער גרופּע האָט בלויז מרדכי אַניעלעוויטש באַוויזן אַרויסצולויפן און געוואָרפן זיך מיט די פויסטן אויף אַ דײַטש. ער האָט בײַם דײַטש אַרויסגעריסן די ביקס און נאָך באַוויזן צו אַנטלויפן מיט דער ביקס" (ט. באָזשיקאָווסקי — אויך אין זײַן „צווישן פאַלנדיקע ווענט", זז' 18־19).

אין דעם דאָקומענט, געשריבן אין וואַרשע מאַרץ 1944, וועלכער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך אונטערערדישע פאַרבינדונגס־וועגן דעם 24טן מײַ 1944 קיין לאָנדאָן, איז דער דאָזיקער צוזאַמענשטויס איבערגעגעבן אַזוי: „... אין צענטראַלן געטאָ האָט אַ טייל פון די קאַמף־אָפּטיילונגען ,אונטער דער אָנפירונג פון זייער קאָמענדאַנט מרדכי אַניעלעוויטש, מיט אַ כיוון זיך געלאָזט כאַפּן צווישן עטלעכע הונדערט אַנדערע ייִדן. ווען מ'האָט זיי דערפירט ביזן ווינקל פון די גאַסן זאַמענהאָף און ניזקע, האָבן די קאַמף־אָפּטיילונגען — לויט אַ געגעבענעם צייכן — געעפנט אַ שיסערײַ אויף די דײַטשן. די צום טויט־געפירטע ייִדן זענען זיך פונאַנדערגעלאָפן און אויך די דײַטשן האָבן זיך געלאָזט לויפן, באַהערשט דורך אַ פּאַניק. אָבער זייער שנעל, באַלד נאָכן גובר זײַן די שרעק, זענען די דײַטשן צוריקגעקומען מיט פאַרשטאַרקונגען"... און ווײַטער: „... ווען בײַ מרדכי אַניעלעוויטש זענען אויסגעגאַנגען די קוילן, האָט ער זיך מיט הוילע הענט געוואָרפן אויף אַ זשאַנדאַרם אַרויסגעריסן בײַ אים די ביקס און אָנגעהויבן דעם קאַמף פון דאָס נײַ. נאָך אַ שעה פון העלדישן געראַנגל איז אומגעקומען די גאַנצע גרופּע מיטן אויסנאַם פון קאָמענדאַנט, וואָס

איז על פי נס געראַטעוועט געוואָרן״ (פאַרעפנטלעכט בײַ מ. נייַ־שטאַדט, זז׳ 149־150).

„דער 18טער יאַנואַר (1943) איז געווען אַן איבערראַשונג נישט בלויז פאַר די דײַטשן, נאָר אויך פאַר די ייִדן גופא... פיל ייִדן, וועלכע האָבן מיטגעמאַכט די יאַנואַר־טעג אין אַנדערע גאַסן פון געטאָ, האָבן לכתחילה נישט געגלויבט, אַז אויף זאַמענהאָף און מילע האָבן ייִדישע בחורים און מיידלעך אָנגעגריפן די דײַטשן. די ווײַטערדיקע טעטיקייט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, נאָך דער אַקציע פון 18טן יאַנואַר, האָט אַלעמען איבערצייגט אַז דאָס איז געוואָרן מעגלעך״ (ט. באָזשיקאָווסקי, ז׳ 25).

„וויפל ייִדן זענען געפאַלן אין קאַמף, איז שווער פעסטצושטעלן. לויט מ. עדעלמאַן איז אין דער יאַנואַר־אַקציע אומגעקומען פיר־פינפטל פון דער מיטגלידערשאַפט פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. ווי עס זאָל נישט זײַן, האָט דער באַראָן פאָן אָופען פאָן מאַל־מערי, וואָס איז ספּעציעל פון טרעבלינקע אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אויף אַ „גאַסטראָל״ קיין ווארשע צו ליקווידירן די געטאָ, געמוזט איבעררײַסן די אַקציע, — אַזוי אומגעריכט איז פאַר די דײַטשן געווען דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד פון די געטאָ־אסורים! נאָך דרײַ טעג ווילדעווען איז דער שונא אָפּגעטראָטן... דער רושם פונעם ערשטן באַוואָפנטן אַרויסטריט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ מעכטיקער״ (ב. מאַרק — ז׳ 148).

אויך אינעם זאַמלבוך „אין די יאָרן פון ייִדישן חורבן״ (די שטים פון אונטערערדישן בונד), ניו־יאָרק, 1948, ווערט באַצייכנט דער ערשטער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד אין געטאָ, ווי „די ערשטע פײַער־פּראָבע״, וואָס „די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע מאַכט אַדורך אין איר ערשטן גרעסערן גאַסנקאַמף״. „מיר פאַרלירן דאָרט די בעסטע פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. בלויז דורך אַ נס און אַ דאַנק זײַן העלדישער האַנדלונג האָט זיך געראַטעוועט דער קאָמענדאַנט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע מרדכי אַניעלעוויטש״ (ז׳ 191).

און נאָך אָט דער „פײַער־פּראָבע״ קומט דער לעצטער, גרויסער קאַמף פון די אויפשטענדלערס אין דער ווארשעווער געטאָ.

.7

„אין דער נאַכט פון 18טן אַפּריל 1943 האָט זיך אָנגעהויבן דער לעצטער אַקט אין דער טראַגעדיע פון ווארשעווער געטאָ״, — אַזוי ווערט דערציילט אין דעם אָפיציעלן דאָקומענט, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין ווארשע, מאַרץ 1944, וועגן דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און וועגן דעם אויפשטאַנד אין דער געטאָ. — „דאָס האָט געזאָלט זײַן אַ געבורטסטאָג־מתנה דעם „פירער״. די ייִדישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז אַרויס אין קאַמף צו דער לעצטער שלאַכט. צוויי אַ זייגער בײַ נאַכט האָבן די דײַטשן אויסגעשטעלט אַרום די געטאָ־מויערן געדיכטע, דײַטש־אוקראַיִניש־לעטישע פּאַטרולן, יעדע 25 מעטער אַ פּאָסטן. אײַנציקווײַז, זאַלבעצווייט, זאַלבעדריט, האָבן די דײַטשן אָנגעהויבן אַרײַנגיין אין די געביטן פון נישט־באַוווינטן געטאָ, וועלנדיק איבערראַשן אַזוי אַרום די קעמפערס און די באַפעלקערונג... ״

„דעם 18טן אַפּריל, צוויי אַ זייגער בײַ נאַכט, איז געקומען אַ לויפער און אונדז מיטגעטיילט, אַז מאָרגן פרי וועלן אַרײַן די דײַטשן כדי אויסצופירן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע (פון דער געטאָ). פון דער דאָזיקער נײַס האָבן מיר אַלע אויפגעציטערט. מיר זענען גלײַך דורכגעגאַנגען די גאַסן פון געטאָ און אַרויסגעגעבן די פאַראָרדענונג: אַלע אַלטע און קינדער — אין די באַהעלטענישן, די גאַנצע יוגנט — צום קאַמף!״ (צביה לובעטקין — די „לערע פון ווארשעווער אויפשטאַנד״. — לאַנדסבערג, 1947, ז׳ 24).

„די שעה האָט געשלאָגן״, — אַזוי הייסט דאָס קאַפּיטל בײַ טוביה באָזשיקאָווסקי אין זײַן בוך „צווישן פאַלנדיקע ווענט״, וווּ ער שילדערט דעם אויפשטאַנד אין ווארשע. „מאָנטיק, ערב פסח, דעם 19טן אַפּריל 1943 אין דעם שיינעם פרילינגטאָג אין וועלכן אַ שפּע פון זון און ליכט איז אַרײַנגעדרונגען אין יעדן ווינקל פון פאַרחושכטן געטאָ, האָט געשלאָגן די שעה פון דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון ווארשעווער געטאָ״...

איציק פעפער אין זײַן „שאָטנס פון ווארשעווער געטאָ״ (ווארשע, 1945), שרײַבט וועגן דעם אויפשטאַנד:

„מען שיסט אין דער געטאָ און סיענטפּערט די געטאָ
אויף שנאה מיט שנאה, אויף פײַער מיט פײַער.
עס האָבן זיך ביקסן מיט ביקסן צערעדט דאָ.

זיי זענען געקומען ווי סטעפּישע האָרדעס,
מיט גיפט אין די אויגן, מיט טײַוולשע מאָרדעס,
ווי רויבערס, וואָס קומען נאָך פרעמדן פאַרמעגן
און זענען געפאַלן ווי קרויטקעפּ צעבראָקטע,
ווי שטשורעס פאַרסמטע, ווי האָזן פאַריאָגטע,
ווי פאַדלע, וואָס סמט אָפּ די לופט אויף די וועגן״.

מיר האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו ברענגען אַלע פּרטים פון די אויסטערלישע העלדישע און גרויזאַמע קאַמפן און שטרײַטן, וואָס זענען אָנגעגאַנגען די אַלע טעג און נעכט פון דעם אויפשטאַנד צווישן די נישט־גלײַכע כוחות פון די קעמפנדיקע צדדים. פון איין זײַט — „אַן אָפּטייל ס״ס־וואָפן־פאַנצער־גרענאַדירן, ס״ס־קאַוואַלעריע, פּאָליציי־אָפּטײלן, זאַנדערדינסט־אָפּטייל, אוקראַיִנישע הילפס־דינסט, זיכערהייט־פּאָליציי, קאַנאָנען־מאַנשאַפט, פלאַמען־וואַרפערס, פאַנצער־וואָגנס, טאַנקען, אַרטילעריע־באַטעריעס, ספּעציעלע סאַפּעריש אָפּטײלן צו מינירונגען און אויפרײַסן״; פון דער אַנדערער זײַט — די אויסגעמאַטערטע, אויסגעמאָגערטע, אויסגעשעפּטע מיטגלידער פון דער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, די אונטערערדישע אַרמיי, אָן אָפּגעשניטענע פון יעדן הינטערלאַנד — אין גאַנצן אָן איזאָלירטע, וואָס איז אָבער באַוואָפנט מיטן ווילן „צו קעמפן און... צו שטאַרבן פאַר דער ווערדע פון פאָלק און מענטש...״ „לאָמיר שטאַרבן מיט כבוד״ — איז געווען דער לעצטער זאָג אינעם אויפרוף וואָס איז אויסגעקלעפּט געוואָרן אין געטאָ אין דער לעצטער נאַכט, אין דער נאַכט פון ערב פסח, ערב דעם אויפשטאַנד״ (רחל אויערבאַך — „דער ייִדישער אויפשטאַנד, ווארשע, 1943״, ווארשע, 1948). מיר שיקן אָפּ די לייענער צו די פאַרשידענע ביכער, ווו ס׳ווערט אויספירלעך איבערגעגעבן דער גאַנג פון די שלאַכטן אין די באַזונדערע פונקטן און אויף די כלערליי „פּאָזיציעס״ פונעם מוראדיקן געטאָפראָנט. צווישן אַנדערע — צום בוך פון ד״ר יוסף קערמיש — „דער אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ״, 19טער אַפּריל — 16טער מײַ 1943 (איבערגעזעצט פון פּויליש: שלמה לאַסטיק, בוענאָס־איירעס 1948), וואָס איז געשריבן אויפן סמך פון אָפיציעלע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן (אויך אויפן סמך פון די מיטטיילונגען פון דעם רוצח־גענעראַל סטראָאָפּ, ימח שמו ונמח זכרו!).

אָט איז דער עפּיזאָד וואָס איז געבראַכט אין פאַרשידענע

באשרייבונגען און וואס ווערט דורך ד"ר י. קערמיש אזוי איבערגעגעבן: „ווען די דייטשן האבן זיך צעלייגט אין א לאגער ביי דער קרייצונג פון די גאסן מילא און זאמענהאף, האבן די פארבאריקאדירטע אין פיר ראגן יידישע קאמפגרופעס פון שומרים, פפ"ר־אווצעס, דרור און בונד, געעפנט א קאנצענטרירטע פייער, וואס ווערט לויט גענעראל סטראָאפּ כאראקטעריזירט אלס „שטארק און גוט־צוגעגרייט", און איז באשטאנען פון אן עקספלאזיע פון גראנאטן פון אייגענער אויסארבעטונג, און א סעריע פון אויטאמאטישן רעוואלווער און ביקסן. נאך די ערשטע שאסן פון אויטאמאטישן רעוואלווער און טרעפלעך־געוואָרפענע גראנאטן אין די געשלאסענע רייען פון די ס"ס־לייט, איז די גאס פוסט געווארן... ס'ווערן געבראכט אין דער אקציע טאנקען... אבער ווען דער ערשטער טאנק איז פארברענט געווארן, צוזאמען מיט דער מאנשאפט, פון אן אויפרייס פון א צינדפלאש, האבן די צוויי אנדערע טאנקען און פאנצער־וואגנס נישט געוואגט זיך דערנענטערן צו די פאזיציעס פון דער יידישער קאמף־ארגאניזאציע" (ז' 49).

פארביסענע קאמפן, שווערע אטאקעס, ארטילערישע שיסערייען, העפטיקע געראנגלענישן קומען פאר אין פיל אנדערע פונקטן. „די יידן האבן זיך פארביסן פארטיידיקט, אפשטויסנדיק אין איבערמענטשלעכן געראנגל דעם אנגריף פון שונא". אין איינציקע ערטער האבן יידן אריבערגעכאפט קוילן־ווארפערס און אנדער געווער (זז' 51־52). „דער ערשטער טאג פון די קאמפן האט זיך פארענדיקט מיט אן אנספקדיקן נצחון פון דער יידישער קאמף־ארגאניזאציע" (ז' 52).

דערשטוינט און אויפגעבראכט פון זייער מפלה און פון די גרויסע פארלוסטן, האבן די דייטשע בעסטיעס אויפן צווייטן טאג אנגעווענדט אן אנדער מעטאד — זיי האבן אנגעהויבן אונטערצינדן דאס געטא. זיי האבן פארברענט אלע הייזער ווו זיי האבן זיך אנגעשטויסן אויף א ווידערשטאנד. איצט הייבט זיך אן א נייער גרויל־גיהנום פאר די קעמפערס און פאר די איבערגעבליבענע יידן... „צוליב דער מוראדיקער שרפה זענען די יידן געצוווּנגען געווען צו פארלאזן זייערע באהעלטענישן. די גאנצע מאסן יידן, וואס די דייטשן זענען נישט אימשטאנד געווען צו געפינען, האט אין דער נאכט פון 21טן אויפן 22טן אפריל פארלאזט די באהעלטענישן אונטער די דעכער און אין די קעלערן און געפרווּט זיך ראטעווען דורך אנטלויפן פון פייער. זייער פיל מענטשן, גאנצע משפחות, ארומגעכאפטע דורך פלאמען, זענען געשפרונגען פון די פענצטער אויף די פריִער־אראפגעווארפענע מאטראצן, אדער ווייכע מעבלשטיקלעך, אדער האבן זיך באמיט אראפלאזן אין דער נידער מיט דער הילף פון צונויפגעבונדענע לײַלעכער אד"גל. אלע זענען אויפן ארט אומגעבראכט געווארן" (ז' 60).

די ווילדקייט און די אכזריות פון די דייטשע מערדערס בעת זייערע קאמפן מיט די יידישע אויפשטענדלערס איז נישט צום באשרייבן. די פארשידענע פובליקירטע באשרייבונגען פון די עדי־ראיה, פון די בייגעוועזענע, מאלן אומגלויבלעכע שוידערלעכע בילדער. די קאמפן זענען פארגעקומען אין נישט־געדאכטע באדינגונגען. „אין צווישן — ווערט דערציילט אין דעם דערמאנטן אפיציעלן דאקומענט — גייען איבער די קעמפערס פון אטאקיר־טאקטיק צו פארטיידיקונגס־טאקטיק. זיי ווילן, ווי ווייט עס וועט זיך לאזן, ראטעווען די מענטשן און די שוצערטער. עס קומט פאר אן איבערגרופירונג פון די כוחות... די קעמפערס האבן זיך באפעסטיקט אין די הייזער און אויף די בוידעמער — נישט צולאזנדיק די דייטשן צו די שוצערטער... וויפל מאל די דייטשן האבן נישט געפרווּט אריינרייסן זיך אין געטא, האבן זיי געמוזט אפטרעטן צוריק, ווערנדיק ארויסגעשטויסן דורך די העלדישע פארטיידיקערס. די דייטשן האבן איבערגעלאזט אויפן שלאכטפעלד הונדערטער הרוגים... די געטא אבער האט געמוזט איינגענומען ווערן. זיי האבן דאן געבראכט ארטילעריע, איינגעשטעלט שווערע באטעריעס אויפן קראשינסקי־פלאץ, אויף די גאסן שוויענטאיערסקע און באניפראטן און עס האט זיך אנגעהויבן אן אמתע באלאגערונג פון דער געטא. די פייער־ווארפערס האבן געזייט טויט צווישן דער באפעלקערונג. איבער דער געטא זענען ארומגעפליגן עראפלאנען און געווארפן אויפרייס־ און צינדבאמבעס. דער גאנצער קווארטאל, אונטערגעצונדן פון אלע זייטן, איז געשטאנען אין פלאמען; טויזנטער מענטשן זענען אזוי ארום אומגעקומען... די קאמפגרופעס, וואס די צעבושעוועטע פלאמען האבן זיי ארויסגעטריבן פון זייערע פאזיציעס, האבן געמוזט ענדערן די קאמפטאקטיק. זיי האבן ארגאניזירט א פארטיזאנער־קאמף צווישן די חורבות, ווו זיי האבן געלויערט אויף דייטשע אפטיילונגען. די קאמפן זענען פארגעקומען אן איבעררייס ביי טאג און ביי נאכט. די דייטשן האבן געמוזט דעראבערן יעדע גאס באזונדער, יעדעס הויז באזונדער. די לאגע איז אבער געווארן וואס ווייטער אלץ אומדערטרעגלעכער. קיין קרבנות צווישן די קעמפערס זענען כמעט נישט געווען. ס'איז אבער נישט געווען קיין מקום מקלט פאר די אויסגעמאטערטע פונעם אומאויפהערלעכן קאמף, ווארעם דאס גאנצע געטא האט געברענט. צוליב דער שרפה־היץ איז דער גאסן־אספאלט פארוואנדלט געווארן אין א פליסיקער סמאלע־מאסע. עס זענען פארברענט געווארן די שפייזרעזערוון. די מיט מי אויסגעגראבענע ברונעמער זענען פארשאטן געווארן דורך די ברוכשטיקער פון די איינפאלנדיקע הייזער, אבער דאס ערגסטע איז געווען וואס עס האבן זיך אויסגעשעפט די אמוניציע־רעזערוון. די קעמפערס האבן זיך איצט געשארט דורך די גאסן אין קליינע גרופעס, אנגעטאן אין דייטשע העלמען און מונדירן; די פיס זענען ביי זיי געווען איינגעהילט אין שמאטעס כדי צו פארטויבן דעם אפקלאנג פון די טריט. זיי האבן אטאקירט די דורכמארשירנדיקע דייטשן, וואס האבן זיך באוויזן וואס א מאל זעלטענער. אנשטאט דייטשע זעלנערס, האבן דאך געקעמפט די פלאמען, די עראפלאנען און די ארטילעריע, אויסגעשטעלט אויף יענער זייט געטא־מויערן" (מ. נײַשטאדט, זז' 162־163).

„עס טראגן זיך העלדן — זאגט איציק פעפער אין זיין „שאטנס פון ווארשעווער געטא" — געוואשן אין פלאמען. איז ווער קאן איצט שוין די וועגן פארצאמען?"

דער דיכטער־מארטירער יצחק קאצענעלסאן, וועלכער איז דאן געווען אין ווארשע, האט זיין קלאגליד „די ענד" (אין זיין קינות־בוך „דאס ליד פונעם אויסגעהרגעטן יידישן פאלק") פארענדיקט אזוי: „...דאס געטא ברענט, עס ברענט אויף זיינע מויערן און זיינע לעצטע יידן, ס'פייער העשט און העשט. דער הימל איז געווען באלויכטן, און אויב ס'איז דא דארט ווער, האט צוגעקוקט זיך און געזען די ענד" (ז' 74).

.8

„אין דער דריטער וואך פון אויפשטאנד — דערציילט ט. באזשיקאווסקי — האט זיך אנגעהויבן די ערגסטע תקופה אין לעבן פון די קעמפערס. דאס גאנצע געטא איז שוין געווען איין גרויסע חורבה. ס'איז נישט געווען קיין איין גאנצע מויער, הינטער וועלכער מ'זאל זיך קאנען דעקן ביי א צוזאמענשטויס מיטן שונא. די פארפולטע בונקערס מיט יידן זענען איינציקווייז אנטדעקט געווארן דורך די דייטשן, און אויך דער בונקער, דאס איינציקע רעטונגס־

ארט און קאמפסבאזע — האט פארלוירן זײַן ווערט. ס'איז שוין בוכשטעבלעך נישט געווען קיין איין טראפן וואסער און קיין לעבנסמיטל. מ'האט געפילט אז די שטריק פארציט זיך אלץ מער ארום האלדז („צווישן פאלנדיקע ווענט", ז' 115).

„אויף מילא 18 (ווו ס'איז געווען א טייל פון דער ייִדישער קאמף־ארגאניזאציע מיט מרדכי אניעלעוויטש בראש) האט מען זיך געריכט אויף א גיכן אומקום. נאך דעם ווי ס'איז נישט אדורך קיין טאג עס זאל נישט פארגאזט ווערן א געוויסע צאל בונקערס און צווישן זיי — גוט־פארמאסקירטע, האט זיך אלץ מער פארשטארקט די מיינונג בײַ אלעמען אז אפילו אזא גוטע פארמאסקירונג ווי ס'האט מילא 18 גיט אויך נישט קיין האפענונג ניצול צו ווערן, און די אנטדעקונג פון בונקער איז אומפארמײַדלעך. די איינציקע האפענונג אונדזערע איז נאך געווען אז ווארשײַנלעך וועלן די דײַטשן נישט אנטדעקן אלע פינף ארײַנגענג אין בונקער, נאר העכסטנס איינעם אדער צוויי. דאס וועט אונדז געבן א מעגלעכקייט ארויסצוגיין דורך די אנדערע עפענונגען און אין דרויסן אנגרײַפן דעם שונא" (ז' 116).

אין דער גרויזאמער לאגע, בײַ די מוראדיקע באדינגונגען, ווען די אויסזיכטן צו בלײַבן לעבן זענען געווארן אלץ שוואכערע און מ'האט אלץ געהערט נענטער די דײַטשע טריט, זענען דורך די מיטגלידער פון דער קאמפסגרופע געמאכט געווארן פארשידענע פלענער נישט אומצוקומען, נאר פירנעמען א קאמף מיטן שונא. טוביה באזשיקאווסקי, פאר זײַן לאזן זיך צו געפינען ערגעץ ווו א קאנאלעפענונג פון קאנאליזאציע ארויסצוראטעווען די רעשטלעך פון די קעמפערס און ציוויל־באפעלקערונג, שילדערט וואס ס'האט זיך געטאן אינעם בונקער פרײַטיק, דעם 7טן מײַ: „די לאגע אינעווייניק איז געווארן ערנסט און געשפאנט ביז גאר..." מ'האט געפילט ווי דער בונקער „ווערט פארוואנדלט אין א גרויסן מאסן־קבר... די קאמפסגרופעס האבן זיך אוועקגעשטעלט בײַ אלע פינף עפענונגען פון בונקער, אנגעשטעלט דאס געווער צום שיסן אין פאל ווען די דײַטשן וועלן זיך נאר באווײַזן. די ציוויל־באפעלקערונג איז געלעגן כמעט אן אטעם, מיט געשטיקטע געוויינען, און אויפגעציטערט בײַ יעדן אפהילך פון די דײַטשע טריט אין דרויסן. פרויען האבן אין דער שטיל געשעפטשעט תפילות, און עלטערע ייִדן האבן געזאגט ווידוי. די מאמעס האבן פארדעקט די קינדערשע קעפלעך מיט גראבע טיכער, בכדי צו פארשטיקן זייערע געוויינען (ז' 117).

און אט וואס טוביה באזשיקאווסקי גיט איבער וועגן די לעצטע שעהען פון די קעמפערס אינעם בונקער אויף מילא 18: „שבת, דעם 8טן מײַ האבן די דײַטשן ארומגערינגלט דעם בונקער פון אלע זײַטן און פלוצלינג האבן זיי אויפגעבראכן אלע פינף ארײַנגענג מיט א מאל". בײַ דער ציוויל־באפעלקערונג איז אויסגעבראכן אן אומבאשרײַבלעכע פאניק... אבער די קאמפסגרופעס האבן באהערשט די סיטואציע. בײַ יעדן ארײַנגאנג פון אינעווייניק זענען געשטאנען באוואפנטע גרופעס, וואס האבן מאמענטאל געעפנט א שיסערײַ אויף די דײַטשן. די פארטיידיקונג איז אבער געווען אוממעגלעך, ווײַל עס איז נישט געווען קיין איין ארויסגאנג דורך וואנען די קעמפערס זאלן זיך קאנען ארויסציִען און עפענען א קאמף אין מער גינסטיקע באדינגונגען... די דײַטשן האבן אנגעהויבן ארײַנצוּווארפן אין בונקער ארײַן גאזבאמבעס. זיי האבן ארײַנגעלאזן אזא גרויסע דאזע גאז, אז מאמענטאל האט אלעמען גענומען שטיקן אין האלדז און פון די אויגן האבן זיך געגאסן טרערן. די מענטשן זענען אין דער בונקער־פינצטערניש געלאפן ווי משוגע און נישט געקאנט געפינען קיין ארט און קיין רעטונג"... ז' 137).

„אין מינוטן פון דער גרעסטער אויסזיכטלאזיקייט, — באזשיקאווסקי דערציילט — האט אריה ווילנער גערופן די חברים צו באגיין זעלבסטמארד. די מערהייט מיטגלידער פון דער קאמפס־ארגאניזאציע האבן זיך אליין דערשאסן מיטן אייגענעם געווער, אדער ארעפגעשלונגען ציאנקאלי. לוטעק ראטבלאט האט פריִער דערשאסן זײַן מוטער, זײַן שוועסטער און שפעטער זיך אליין. בערל ברוידע, וועלכער האט געהאט א פארוואונדעטע האנט און נישט געקאנט זיך אליין אומברענגען, האט געבעטן בײַ אנדערע חברים, זיי זאלן אים דערשיסן. רות האט געשאסן אין זיך 7 מאל. א טייל חברים זענען אוועקגעפאלן אין א באוווסטלאזן צושטאנד און נישט געקאנט באגיין זעלבסטמארד. אויך דער גרעסטער טייל פון דער ציוויל־באפעלקערונג איז אומגעקומען פון גאז...." (ז' 137).

ווי עס גיט איבער ב. מארק, „האבן מיכאל ראזענפעלד און שרה זשאגעל אפאנירט און זיך ארויסגעזאגט דערפאר, מען זאל נישט באגיין זעלבסטמארד, נאר קעמפן מיטן ארײַנדרינגנדיקן שונא ביז לעצט. דאס איז אבער געווען נישט אין גאנצן דורכפירבאר, ווײַל די גאזן האבן אנגעהויבן ווירקן. מרדכי אניעלעוויטש איז אויך — ווערליק א ריי גביות־עדות — געווען קעגן זיך נעמען דאס לעבן און פאר קעמפן ביזן סוף. די חברים האבן אנגעהויבן באשיסן די דײַטשן. אבער דער גאז האט געווירקט אלץ שטארקער. דעמאלט האט אניעלעוויטש געגעבן די קעמפערס פרײַע הענט. לסוף איז דער אונטערערדישער חלל אויסגעפילט געווארן מיט די קלאנגען פון צוויי געזאנגען: פונעם „אינטערנאציאנאל" און פון „התקוה". דאס זענען געווען די לעצטע געזאנגען פון די העלדן" („חורבות דערציילן", ז' 306).

רחל אויערבאך פארענדיקט אזוי די שילדערונג פונעם אומקום אינעם בונקער אויף מילא 18: „צוזאמען מיט זײַן מיליטער איז אומגעקומען מרדכי אניעלעוויטש — דער קאמענדאנט פון אויפשטאנד. דער גורל האט אזוי געפירט, כדי ארום דעם יונגן העלדנקאפ זאל אויפשײַנען דאס סאמע העלסטע ליכט, דער ארעאל פון טויט" („דער ייִדישער אויפשטאנד, ווארשע 1943", ז' 64). א שליח פון דער הסתדרות האט אין א טעלעגראמע (פון א נייטראלער מדינה, דעם 13טן מײַ 1943) מיטגעטיילט אייניקע נעמען פון די געפאלענע אין די געטאשלאכטן, ווו ער האט אויסגעטיילט מרדכין, וואס „איז געווען דער פאטער פון דער קאמפס־ארגאניזאציע".

„אזוי — פירט אויס ב. מארק — זענען אומגעקומען די פירערס פונעם אויפשטאנד. נישט געוואלט איבערחזרן דעם טראגישן גורל פון בר־גיורא און יוחנן מגוש חלב, נישט געלאזט זיך נעמען לעבעדיקערהייט. נישט געוואלט אדורכמאכן די שאנד פון געפאנגעניש און אומשלאגפלאץ. אזוי זענען געפאלן די מיטגלידער פון שטאב אין איינעם מיט די טרײַע קאמפס־חברים. פאר א מוסטער זיך גענומען דאס ביבלישע געשטאלט פון מלך שאול, וואס האט זיך מיט דער אייגענער שווערד געטויט, אבי אין די הענט פון פלישתישע טמאים א לעבעדיקער נישט ארײַנפאלן" (ז' 307).

דער יונג־פארשניטענער קעמפער־מארטירער מרדכי אניעלעוויטש, זײַן נאמען און זײַנע העלדישע מעשים, זענען ארײַן אינעם „פאנטעאן" פון די ייִדישע גבורים און קעמפערס.

אין ישראל איז, ווי באקאנט, מיט עטלעכע יאר צוריק אויפגעבויט געווארן א קיבוץ אין זײַן אנדענק, מיטן נאמען „יד מרדכי", ווו ס'איז אויפגעשטעלט געווארן א מעכטיקער אניעלעוויטש־דענקמאל, — די ארבעט פון דעם סקולפטאר מ. ראפאפארט, דער זעלבער וואס האט געשאפן דעם דענקמאל פון די קעמפערס און מארטירערס פון ווארשעווער געטא.

יוסף סאַנדלער (וואַרשע)

# וואַרשעווער ייִדישע קינסטלערס אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע

איינער פון די ערשטע מאַסנמאָרדן וואָס די היטלעריסטן זענען באַגאַנגען נאָכן אָקופּירן וואַרשע איז געווען דאָס דערשיסן 107 פּוילישע בירגערס אין וואַווער, הינטער וואַרשע. דאָס האָט געזאָלט זײַן די שטראָף פאַרן כלומרשטן דערשיסן אין אַ דאָרטיקן רעסטאָראַן צוויי דײַטשע זשאַנדאַרמען. די 107 קרבנות האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון אַ צוג און זיי דערמאָרדעט הינטער דעם וואַווערער באַנהויף. צווישן די דערשאָסענע — פּאָליאַקן און ייִדן — האָט זיך אויך געפונען דער באַגאַבטער מאָלער אלי ניסענבוים, אַן אַבסאָלווענט פון דער וואַרשעווער „אַקאַדעמיע פון שיינער קונסט". נאָכן באַפרײַען פּוילן איז אַרומגעצוימט געוואָרן דאָס אָרט ווו די קרבנות זענען באַגראָבן געוואָרן און מ'האָט דאָרט אַוועקגעשטעלט אָנדענק־טאָוולען מיט די נעמען פון די דערמאָרדעטע.

שוין פון אָנהייב אָן האָט אין וואַרשעווער געטאָ פונקציאָנירט אַ שול פאַר טעכנישע צייכענונגען, ווו ס'האָבן געלערנט די קומעדיקע אינזשעניערן און אַרכיטעקטן. ס'איז אויך דאָרט געווען אַן אָפּטייל פאַר קינסטלערישע צייכענונגען, אָנגעפירט פון דוויד גרײַפּענבערג. דאָס טעכנישע צייכענען איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די באַקאַנטע אַרכיטעקטן יעזשי בערלינער, אַלעקסאַנדער גאָלדבערג און נאָרבערט. די דאָזיקע לערערס זענען געווען באַוווסטזיניקע און מוטיקע מענטשן וואָס האָבן דערצויגן זייערע שילערס אין קאַמפּסגײַסט קעגן די היטלעריסטן. די לערערס האָבן אָפט איבערגעגעבן די תלמידים דעם אינהאַלט פון די ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן, וואָס זיי האָבן אויפגעכאַפּט דורך געהיימע ראַדיאָס. אייניקע פון די סטודענטן האָבן זיך שפּעטער אַרויסגעקריגן פון געטאָ און געוואָרן פּאַרטיזאַנערס אין לובלינער קרײַז, צוזאַמען מיט זייער לערער נאָרבערט. ווען אין 1942 האָט דער יודענראַט געוואָלט פאַרוואַנדלען די דאָזיקע סטודענטן אין „כאַפּערס" פון ייִדישע אָרעמע־לײַט, כדי זיי אָפּצושיקן אין די לאַגערן, האָבן די סטודענטן צוזאַמען מיט זייערע לערערס פאַרלאָזן די שול.

פון די פּלאַסטיקערס וואָס האָבן זיך געפונען אין געטאָ האָט איין גרופּע זיך אָרגאַניזירט אין אַ מין „שאָפּ", אײַנגעאָרדנט אויף מילנע 9, ווו עס האָט זיך געפונען אַ שטיקל פרײַער פּלאַץ מיט איינצלנע קליינע שטיבלעך. דאָרט האָבן זיך געפונען די וואַרשעווער פון די סקולפּטאָרן אַברהם אָסטשעגאַ און זיגמונט מעסער, ווי אויך דער אַטעליע פון מאָלער וולאַדיסלאַוו ווײַנטראַוב. אָסטזשעגאַ, דער באַקאַנטער סקולפּטאָר פון קינסטלערישע מצבות, האָט געהאַט פאַר זײַן שטיבל אַ סך פאַרשידענע שטיינער און מירמל־טאָוולען, וואָס ער האָט באַנוצט פאַר זײַנע ווערק. כדי צו פאַרבעסערן זייער געדריקטע לאַגע האָבן די קינסטלערס שוין אין אָנהייב פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע געשאַפן אַ מין קינסטלעריש גערטנדל.

דאָרט האָט געוואַקסן גראָז און ס'האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע ביימער. אַזוי ווי אין געטאָ איז געווען גאַנץ ווייניק גרינס, האָט מען אין גערטנדל געגעבן קאָנצערטן און די הכנסה דערפון איז געגאַנגען פאַר די אַרבעטסלאָזע פּלאַסטיקערס. די קאָנצערטן האָבן אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטן און די צום מײַנסטן נויטבאַדערפטיקע קינסטלערס זענען געבליבן אָן שום הילף. ווען ס'האָבן אין וואַרשעווער געטאָ זיך אָנגעהויבן די אַקציעס און מ'האָט גענומען אַרויספירן די ייִדישע באַפעלקערונג צו די טויטלאַגערן, זענען די קינסטלערס ווײַנטראַוב און ראָזענטאַל געפאַלן אויפן געדאַנק צו שאַפן אַ „פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוו" וואָס זאָל אויסהיטן די מיטגלידער פון דער „אויסזידלונג". אויף אַזאַ אופן האָבן העכער 20 פּלאַסטיקערס אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן פון די אָנגעזאַמלטע שטיינער פאַר די אַטעליעס אַ צעמאָלענעם פּולווער צו רייניקן מעטאַלן, ווי אויך שלייפשטיינער. נישט אַלע פּלאַסטיקערס זענען אָבער געווען אַזוי פאַרבלענדט. געווען צווישן זיי אייניקע, ווי הערש צינאַ און שמחה טראַכטער (פון לובלין), וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט אַזאַ אומגעלומפּערטער אונטערנעמונג, אָבער זיי האָבן זיך אונטערגעוואָרפן דער מערהייט. און כאָטש די „קאָאָפּעראַטיוו" האָט צוגעשטעלט איר גאַנצע פּראָדוקציע אַ דײַטשער פירמע, וואָס האָט דערפאַר אַרויסגעגעבן די פּראָדוצענטן (די קינסטלערס) אונטערגעחתמעטע אַרבעטס־אויסווײַזן", האָט עס זיי אָבער גאָר נישט געהאָלפן. מ'האָט זיי באַרויבט און באַשווינדלט פּונקט ווי די אַנדערע ייִדן פון געטאָ. בײַ אַ ווײַטערדיקער „אויסזידלונגס־אַקציע" האָט מען צוגענומען די קינסטלערס פון זייערע אַרבעטספּלעצער און אָנגעטוענע אין די אַרבעטס־פאַרטעכער האָט מען זיי געטריבן צו דער באַנסטאַציע, ווו ס'האָבן שוין אויף זיי געוואַרט גרייטע וואַגאָנען אָפּצופירן זיי אין די טויטלאַגערן. מיט יענעם טראַנספּאָרט זענען פאַרשלעפּט געוואָרן צום אומקום וולאַדיסלאַוו ווײַנטראַוב, ראַמאַן ראָזענטאַל, הערש צינאַ, מאַקסימיליאַן עליאָוויטש, שמחה טראַכטער, טאַדעוש טרעמבאַטש (פון לאָדזש, אַ ברודער־זון פון מאַוריצי טרעמבאַטש), סאַמועל פינקעלשטיין און נאָך אַן אַנדערטהאַלבן צענדליק אַנדערע. ראָמאַן קראַמשטיק איז דעם זעלבן טאָג בעת דער שיסערײַ שטערבלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן. נאָך דעם ווי די „אַקציע" האָט זיך אײַנגעשטילט האָבן די אויסבאַהאַלטענע ייִדן פון אַ נאָענטן קעלער אַרײַנגענומען אין זייער שוצפּלאַץ דעם פאַרבלוטיקטן קינסטלער, וועלכער איז אין עטלעכע טעג אַרום געשטאָרבן. אין דער זעלבער צײַט איז אויך אומגעקומען די גרויסע מאָלערין פון דער ייִדישער אָרעמקייט, רעגינאַ מונדליאַק.

מיר וועלן דאָ אָנגעבן אייניקע ביאָגראַפישע דאַטעס פון די מער באַקאַנטע קינסטלערס וואָס זענען געפאַלן אַ קרבן פון דער „אַקציע" אין וואַרשעווער געטאָ.

עליאָוויטש מאַקסימיליאַן, געבוירן אין 1890 אין פּלאָצק. יונג אָנגעקומען קיין וואַרשע, וווּ ער האָט אָנגעהויבן לערנען די מלאכה פון זייגער־מאַכעריי און גלייכצייטיק זיך ליידנשאַפטלעך אָפּגעגעבן דער מאָלעריי. ווען דער באַרימטער פּוילישער מאָלער סטאַניסלאַוו לענז האָט אַ מאָל געזען פּאָרטרעטן פון אַן אומבאַקאַנטן מאָלער, איז ער געבליבן דערשטוינט פון דער טאַלענט־ריייפקייט פון דאָזיקן שעפער. ווען ער האָט זיך באַקענט מיט עליאָוויטשן האָט ער אים צוגערעדט, ער זאָל שטודירן מאָלעריי. לענז האָט אַריינגענומען דעם יידישן קינסטלער אין דער וואַרשעווער אַקאַדעמיע וווּ ער איז געווען פּראָפעסאָר. מאַקסימיליאַן עליאָוויטש איז שפּעטער געוואָרן אַ גלענצנדיקער פּאָרטרעטיסט און זשאַנער־מאָלער. אַ געווויסע צייט האָט ער אויך פאַרנומען אַן אַמט אין דער „יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט", וווּ ער האָט געהאַט די מיסיע אָפּצוהיטן די קונסטווערק.

ראָזענטאַל ראָמאַן, געבוירן אין לאָדזש אין 1897. ער האָט געהאַט הויכע בילדונג און חוץ מאָלעריי האָט ער אויך זיך באַשעפטיקט מיט מוזיק, זייענדיק אַ גלענצנדיקער פּיאַניסט. די אַרומיקע וועלט האָט ער געזען דורך דער פּריזמע פון שיינקייט. ער האָט געמאָלן בילדער אין גאַנץ וואַרעמע קאָלירן און פול מיט אָפּטימיזם. ראָזענטאַל איז לאַנגע יאָרן געווען סעקרעטאַר אין פאַראיין פון די יידישע קינסטלערס־פּלאַסטיקערס. ער איז אויך געווען דער איינציקער מאָלער וועמען מען האָט אין געטאָ איינגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג.

בלאַופוקס אהרון, געבוירן אין וואַרשע און ריייף געוואָרן ווי אַ קינסטלער בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט געאַרבעט ביים באַרימטן סקולפּטאָר הענעך גליצענשטיין, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין פּוילן. בלאַופוקס האָט זיך אין אָנהייב אינטערעסירט מיט דער מאָזאַיק־ און אַראַבעסקן־קונסט און דערנאָך ערשט זיך איבערגעוואָרפן צו מאָלעריי.

ווײַנטראַוב וולאַדיסלאַוו, געבוירן אין 1891 אין לויוויטש. ער האָט שטודירט אין דער וואַרשעווער „העכערער שול פאַר שיינער קונסט" און דערנאָך אין פּאַריז. ער איז געווען נאָך משה אַפּעלבוימען דער בעסטער טעאַטער־דעקאָראַטאָר פון דער יידישער בינע. צווישן אַנדערע האָט ער געשאַפן די דעקאָראַציע צו פּרצעס „ביי נאַכט אויפן אַלטן מאַרק", ווי אויך פאַר דער פּיעסע „אוריאל אַקאָסטאַ". אין פּאַריז האָט ער אַ סך אָפּגעלערנט אויפן געביט פון דעקאָראַציע־מאָלעריי ביים באַרימטן רוסיש־יידישן מאָלער לעאָן באַקסט.

ציגאַ הערש האָט אין וואַרשע געהערט צו די יונגע מאָלערס. ער האָט געשטאַמט פון אַן אַרבעטער־משפּחה און זיך שווער דורכגעשלאָגן אַ וועג אין לעבן. בלויז אין די פרייע מינוטן פון דער אַרבעט האָט ער זיך געקענט פאַרנעמען מיט קונסט. מ'קען אים באַטראַכטן ווי אַ תלמיד פון פעליקס פרידמאַנען, ביי וועמען ס'האָט אים אָפּט געטראָפן דער מחבר פון די שורות. פרידמאַן האָט נישט איין מאָל דערלויבט ציגאַן זיך צו באַנוצן מיט זיינע מאָדעלן. אין 1936 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די „ליטעראַרישע בלעטער" אַ רעפּראָדוקציע פון פּאָרטרעט פון ל. כהני, געמאַכט פון ציגאַן. אויף דער יובילײ־אויסשטעלונג פון 1938—1939 האָט מען געזען אַ צאָל אַרבעטן פון ציגאַן אויף מאָטיוון פון וואַרשעווער אַרבעטער־לעבן. אין זומער 1939 האָט דער קינסטלער געמאָלן אין קאַזשימיעזש דאָלני און אויף דער דאָרטיקער אויסשטעלונג האָט ער פּרעזענטירט עטלעכע זיינע בילדער.

ראַבינאָוויטש הענריק. סוף 1930 איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג צווישן די עקסטרעם־רעאַקציאָנערע וואַרשעווער קינסטלערס און די מער ליבעראַלע בירגערלעכע פּלאַסטיקערס. „זאַכענטאַ" איז דאַן געוואָרן איינע פון די רעאַקציאָנערסטע פּוילישע אינסטיטוציעס וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט קונסט. אינספּירירט פון דער סאַנאַציע־רעגירונג זענען אין דער פאַרוואַלטונג פון דער „זאַכענטאַ" אַריין בלויז „ענדעקעס" און אַנטיסעמיטן. גלייכצייטיק דערמיט האָט אין „זאַכענטאַ" אָנגעהויבן צו דאָמינירן אַ מין ערזאַצקונסט. אויס פּראָטעסט האָבן די ליבעראַלע וואַרשעווער קינסטלערס אויסגעשטעלט זייערע שאַפונגען אין דעם היסטאָרישן הויז באַריטשקעוו, אין אַלטשטאָט. די אויסשטעלונג איז דאַן געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „נאָוועמבער־סאַלאָן פון 1930". ס'זענען דאָרט געוויזן געוואָרן די אַרבעטן פון די פּראָגרעסיווסטע מאָלערס פון גאַנץ פּוילן. ס'האָבן זיך באַטייליקט די בעסטע פּוילישע קינסטלערס, ווי פעליציאַן קאָוואַרסקי, אַפּאָלאָנאַרי קענדזשיערסקי, סטאַניסלאַוו קאַמאַצקי, יוזעף מייהאָפער, הענריק קונאַ, ראָמאַן קראַמשטיק. מ'האָט אויך צוגעלאָזט צו דער אויסשטעלונג אַ ריי יונגע טאַלאַנטירטע קינסטלערס, ווי מאַקסימיליאַן פאָערינג, ק. טאָמאָראָוויטש (היינט פּראָפעסאָר אין דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע), האַננאַ רודזקאַ ציבים (היינט אַ באַרימטע פּוילישע מאָלערין), גיזעלאַ הופנאַגעל, הענריק ראַבינאָוויטש און אַנדערע.

וועגן הענריק ראַבינאָוויטש איז געשריבן געוואָרן אין דער צייטשריפט „שיינע קונסט" (אַרטיקל פון מיעטשיסלאַוו סקוריק, „נאָוועמבער־סאַלאָן 1930", „שיינע קונסט 1931"): „צווישן די עקספּאָנאַטן פון דער ריכטונג רופט אַרויס די גרעסטע פאַראינטערעסירונג מיט איר קרעפטיקער און ריינער קאָלאָריסטיק די „טויטע נאַטור" (שטיללעבן) פון הענריק ראַבינאָוויטש".

הערש ראַבינאָוויטש האָט אויך אויף די שפּעטערדיקע אויסשטעלונגען באַקומען נישט קיין ווייניקער גינסטיקע אָפּשאַצונגען. זיינע בילדער האָט כאַראַקטעריזירט נישט נאָר אַ קרעפטיקע קאָלאָריסטיק, נאָר אויך זיין קינסטלערישע וויזיע האָט נישט אָפּגעטרעטן פוןווירקלעכן אמת. ראַבינאָוויטש האָט נישט אַריינגעפירט אין זיינע בילדער אומלאָגישע דעפאָרמירונגען. ער איז געווען קינסטלעריש פילבאַר און אינטעלעקטועל און האָט געשאַפן אַ סך ווערטפולע פּאָרטרעטן און זשאַנערבילדער. ראַבינאָוויטש איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין פאַראיין פון יידישע קינסטלערס־פּלאַסטיקערס.

הערש ראַבינאָוויטש איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע צוזאַמען מיט דער גרופּע קינסטלערס פון מילנע 9.

שליוניאַק יוזעף, געבוירן אין 1899 אין קיעוו. גאַנץ יונג איז ער אָנגעקומען קיין וואַרשע, וווּ ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט קונסט. שליוניאַק האָט מערסטן טייל געשאַפן באַרעליעפן אויף בלעך אויף יידישע, פאָלקלאָריסטישע טעמעס. ער איז געווען אַ ראָמאַנטיקער, כאָטש ער האָט די טעמעס אַרויסגעבראַכט גאַנץ רעאַליסטיש. אין גאַרלינסקיס גאַלעריע אין וואַרשע זענען אויסגעשטעלט געוואָרן זיינע אַרבעטן און סיי די פּוילישע, סיי די יידישע פּרעסע האָט שטאַרק געלויבט זיין סקולפּטאָרישן טאַלענט און זיין קענטעניש צו באַהאַנדלען יידישע טעמעס. שליוניאַק איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

נאָך דער מלחמה האָט מען געפונען אין וואַרשע איינע פון זיינע אַרבעטן: אַ באַרעליעף־קאָמפּאָזיציע אויף קופּערבלעך, וואָס שטעלט פאָר צוויי פרויען־געשטאַלטן. דער באַרעליעף איז אין עכטקלאַסישן סטיל. ווייזט אויס אַז די דאָזיקע אַרבעט האָט אויך גע־

האָט איר מאַרטירער־געשיכטע, ווײַל אויף אַ סך ערטער איז זי געלעכערט פון ביקסקוילן. גאַנץ מעגליך אַז דער באַרעליעף האָט געדינט ווי אַ שוץ פאַר אַ ייִדישן בונקער קעגן געסטאַפּאָ׳ישע קוילן.

פרידמאַן פעליקס איז געבוירן דעם 14טן מײַ 1897 אין וואַרשע. ער האָט שטודירט אין דער וואַרשעווער אַקאַדעמיע און דערנאָך עטלעכע יאָר אין פּאַריז. אומקערנדיקע זיך קיין וואַרשע האָט ער זיך באַזעצט אויף פּשעיאַזד, אין הויז פונעם „פאַרבאַנד פון ייִדישע לערערס". פון פענצטער פון זײַן וווינונג, וואָס איז געווען אַ דאַכשטיבל, האָט ער נייגעריק אָבסערווירט די גאַסנבילדלעך, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין ענדערן, און אַ סך פון זיי האָט ער אויפגעכאַפּט, אַרויסברענגענדיק פאַרשידענע טעמאַטן־קאָמפּאָזיציעס. פעליק פרידמאַן האָט געמאָלט פאָלקסטימלעך, פאַרשטענדלעך און האָט אָן פאַלשקייט געוויזן דאָס ספּעציפישע לעבן פון די אײַנוווינערס פון דער ייִדישער געגנט אין וואַרשע. פרידמאַן איז נישט בלויז געווען אַ סובטעלער קינסטלער, וואָס האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען דעם גײַסט פון דער צײַט, נאָר ער האָט זיך אָפּט אויך דערהויבן צום ניוואָ פון אַ סאַטירישן קריטיקער. אַ געוויסע צײַט איז ער געווען פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער „ייִדישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט", אָבער ווען ער האָט זיך צוגעקוקט צום הינטערקוליסן־שפּיל פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, האָט ער דערזען אַז זי טראַכט לחלוטין נישט וועגן געבן הילף דעם קינסטלער. און דאַן האָט ער איבערגעריסן מיט דער געזעלשאַפט. צוזאַמען מיט איייניקע ייִדישע פלאַסטיקערס האָט פרידמאַן שפּעטער אָרגאַניזירט דעם „פאַרבאַנד פון ייִדישע פלאַסטיקערס אין פּוילן". ס׳איז דאַן געווען די צײַט ווען די פּוילישע בורזשואַזיע האָט אָנגעהויבן נאָכצומאַכן די דײַטשע פאַשיסטן און אויך באַזײַטיקט פון די אויסשטעלונגען די ייִדישע מאָלערס.

פעליקס פרידמאַן איז געווען אַ גאַנץ פעיִקער קינסטלער, סײַ אַלס פּאָרטרעטיסט, סײַ ווי אַ פּייזאַזשיסט. ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיטן ייִדישן טעאַטער און אָפּט געמאָלט די ייִדישע אַקטיאָרן אין זייערע פאַרשידענע קרעאַציעס. פרידמאַן האָט אויך אַרויסגעגעבן אַן אַלבום קאַריקאַטור־צייכענונגען פון ייִדישע שרײַבערס און אַקטיאָרן. ער איז אויך געווען אַן ענערגישער פּראָפּאַגאַנדיסט פון קונסט צווישן ייִדן און האָט אַ סך אַרטיקלען געשריבן וועגן קונסט און קינסטלערס. איינע פון פרידמאַנס גרעסטע דערגרייכונגען אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט איז געווען דאָס אײַנאָרדענען אַן אויסשטעלונג פון די ווערק פון ייִדישע קינסטלערס פון גאַנץ פּוילן. די דאָזיקע אויסשטעלונג (אויף דלוגאַ 26) האָט אויך דערמעגלעכט צו באַווײַזן זיך יונגע טאַלענטן. פון די דאָזיקע „יונגע", וואָס האָבן צום ערשטן מאָל אויסגעשטעלט זייערע אַרבעטן, האָבן זיך אויסגעצײַכנט די פעיִקע גראַפיקערס חיים טיבער, יצחק קשעטשאַנאָווסקי, מענדל רייף און די מאָלערין פרידאַ גאָלדפעדער (אַלע אומגעקומענע בעת דער אָקופּאַציע). דער דערפאָלג פון דער דאָזיקער אויסשטעלונג איז געווען אַ גרויסער, הן אין מאַטעריעלן זין פאַר די קינסטלערס, הן וואָס זי האָט זיי צוגעגעבן פּרעסטיזש.

פעליקס פרידמאַן איז אין זומער 1939 צום ערשטן מאָל געפאָרן קיין קאַזשימיעזש דאָלני. ער איז געווען גאַנץ פּאָפּולער אין די קינסטלערישע קרײַזן און זײַנע זאַכן האָט מען אָפּט געקענט זען אויף די אַלגעמיינע אויסשטעלונגען. אויך דאָס וואַרשעווער „נאַציאָנאַלע מוזעום" פאַרמאָגט איייניקע בילדער פון זײַן פּענדזל.

ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די מלחמה האָט פעליקס פרידמאַן זיך געפונען צוזאַמען מיט מיר אין קאַזשימיעזש דאָלני. איך האָב אים אָפּגערעדט פון זײַן פּלאַן זיך אומצוקערן קיין וואַרשע און מיר האָבן שוין געטראַכט צוזאַמען אָפּצופאָרן אויף מזרח. אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט ער געענדערט דעם פּלאַן: „איר בלײַבט! — האָט ער צו מיר געזאָגט — איך האָב אין וואַרשע אַן אַלטע מאַמע און מײַן פליכט איז אומקערן זיך צו איר".

אין וואַרשעווער געטאָ האָט פרידמאַן אומגעהײַער געליטן. אַן עמפּינדלעכער און צאַרטער, האָט ער באַקומען אַ לונגען־קראַנקהייט ווי אַ פּועל־יוצא פון נישט־דערעסן. אין די קאָשמאַרע טעג פון די „געטאָ־אויסזידלונגען" איז פרידמאַן געלעגן אַ געפערלעך קראַנקער אין שפּיטאָל אויף טשיסטע־גאַס. ווען ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער אוממענטשלעכער באַפעל פון דער געסטאַפּאָ, אַז אויך קראַנקע און דער גאַנצער שפּיטאָל־פּערסאָנאַל זאָלן זיך צושטעלן אויפן „אומשלאַגפּלאַץ" (פון וואַנען מ׳האָט אַלעמען געטריבן אין די וואַגאָנען און זיי אַוועקגעפירט אין די טויטלאַגערן), האָט די קראַנקן־שוועסטער, וואָס האָט אויפגעפּאַסט אויפן קינסטלער, אים געגעבן אַ שטאַרקע אײַנשפּריצונג וואָס האָט אים אײַנגעשלעפערט אויף שטענדיק.

פעליקס פרידמאַן איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אָרגאַניזאַטאָר און אין זײַן געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָט זיך אַלע מאָל אימפּאָנירט דער אויפריכטיקער קינסטלער וועמען ס׳איז שטאַרק אָנגעגאַנגען דער גורל פון פּשוטן מענטשן. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך מוט ווען מ׳האָט געדאַרפט קעמפן פאַר אַלגעמיינע ענינים, אָדער ווען אַנדערע קינסטלערס האָבן זיך גענייטיקט אין זײַן חבֿרשער הילף, כּדי אויסצושטעלן זייערע אַרבעטן. ווען אין די לעצטע יאָרן פון סאַנאַציע־רעזשים האָט מען אין פּוילן וואָס אַ מאָל מער באַזײַטיקט פון די אויסשטעלונגען די ייִדישע פלאַסטיקערס, האָט פרידמאַן שטאַרק געטאַדלט די דאָזיקע האַנדלונג אין אַן אַרטיקל וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין די „ליטעראַרישע בלעטער".

די פּוילישע קונסט האָט פאַרלוירן אין פרידמאַנען אַ גרויסן קינסטלער, אַ הייסן פּאַטריאָט און אַ פּראָגרעסיוון מענטשן.

אָסטזשעגאַ אַבֿרהם, געבוירן אין 1889 אין אָקיניעוו, ראַדזינער קרײַז, געהערט בײַ אונדז צו די ערשטע מאָדערניסטן אויפן געביט פון דער דענקמאָל־קונסט. ער איז געווען בײַ ייִדן איינער פון די דערפאָלגרייכסטע סקולפּטאָרן אין דער צווישנצײַט פון ביידע וועלט־מלחמות. ווי אַ מאָדערניסט האָט ער נישט גענומען פאַר אַ מוסטער די אַלטע ייִדישע מצבֿה־אָרנאַמעטיק. ווי אַ שטימונגסמענטש האָט ער אָפּט מאָל מער אַרויסגעבראַכט אין זײַנע ווערק דאָס מאָלערישע ווי דאָס סקולפּטאָרישע. ער האָט געהאַט אַ מין ליטעראַריש־עלעגישן צוגאַנג צו זײַן קונסט און ס׳איז אים געלונגען אַזוי אַרום זיך צוצופּאַסן צום סענטימענטאַליזם פון זײַנע קליענטן. די וואָס האָבן בײַ אים באַשטעלט מצבֿות האָבן מײַנסטנס געהערט צום מיטעלן שיכט פון דער ייִדישער אינטעליגענץ. דער געשמאַק פון זײַנע קליענטן, פּונקט ווי די מענטאַליטעט פון קינסטלער גופא, איז שטאַרק געווען באַאײַנפלוסט פון די מאָדערניסטישע פאָרמען וואָס האָבן דאַן באַהערשט די דענקמאָל־קונסט. די ייִדישע גרויסבורזשואַזיע פון וואַרשע האָט אויך אויפן בית־עולם זיך באַמיט צו „פאַרדײַטשן", וואָס דאָס האָט בײַ איר געהייסן זיך „אייראָפּעיִזירן".

צו די געלונגענסטע מצבֿות פון אַבֿרהם אָסטזשעגאַ געהערן, חוץ דעם אוהל פון פּרץ, דינעזאָנען און אַנסקין, אויך דער דענקמאָל פון ריטאַ גאָרעליאָוו, וואָס געפינט זיך אויפן זעלבן וואַרשעווער בית־עולם. אין גראָדנע האָט אָסטזשעגאַ געמאַכט די מצבֿה

פון פּאָעט לייב ניידוס. זײַנע מצבות געפינען זיך אויך אויף די בית־עלמינס פון לאָדזש, פּלאָצק און אנדערע פּוילישע שטעט. ס'איז אויך באַקאַנט זײַן סקולפּטור־קאָמפּאָזיציע וואָס שטעלט פאָר דעם רמב"ם.

אברהם אָסטזשעגאַ האָט אויסגעשטעלט זײַנע ווערק אין „זאַכּענטאַ" און אין דער „יִדישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט" און איז אָפט געוואָרן פּרעמירט.

בעת דער אָקופּאַציע איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע קינסטלערס אַרויסגעפירט געוואָרן פון וואַרשעווער געטאָ קיין טרעבלינקע.

אין וואַרשעווער געטאָ איז אויך אומגעקומען די מאָלערין און גראַפיקערין געלע סעקשטײַן, געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1907. געלע איז געווען די טאָכטער פון אַן אָרעמען שוסטער און פון זײַן צווייט ווײַב. אַזוי ווי אין דער היים זענען געווען עטלעכע קינדער און ס'האָט געהערשט גרויס אָרעמקייט, האָט געלע געמוזט גאַנץ יונג פאַרלאָזן די שטוב און זיך שטעלן אַרבעטן פאַר אַ דינסט. שוין קליינערהייט האָט עס זי שטאַרק געצויגן צו צייכענען. בײַ נאַכט, ווען אַלע שטוביקע זענען שוין געשלאָפן, האָט זיך געלע ערשט אוועקגעזעצט צו איר באַליבטער אַרבעט. כדי צו האָבן מער צײַט אויף צייכענען, האָט געלע באַשלאָסן זיך אויסצולערנען אַ פאַך און זי האָט אָנגעהויבן צו באַזוכן שנײַדערײַ־קורסן.

ווען איר טאַלענט איז געוואָר געוואָרן דער קינסטלער הענריק קונאַ און ער האָט פאַר איר אויסגעפועלט אַ סטיפּענדיע, אַז זי זאָל קענען שטודירן אין דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע. ווען זי האָט פאַרענדיקט איר שטודיע פון מאָלערײַ און גראַפישער קונסט, האָט געלע זיך אומגעקערט פון קראָקע קיין וואַרשע. דאָ איז איר ווײַטער אויסגעקומען צו הונגערן, כאָטש זי האָט אויך געאַרבעט. איר לאַגע האָט זיך ערשט פאַרבעסערט ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט ליכטענשטיינען, וואָס האָט געאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון די „ליטעראַרישע בלעטער". זינט 1937 פלעגט געלע סעקשטײַן אויסשטעלן אירע אַרבעטן אין דער „יִדישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן שיינע קונסט" און ווינטער 1938—1939 האָט זי זיך באַטייליקט אין דער יובל־אויסשטעלונג פונעם „פאַראיין פון יִדישע קינסטלערס־פּלאַסטיקערס".

צווישן די צען קאַסטנס, וואָס זענען אין 1946 אויסגעגראָבן געוואָרן פון אונטער די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ און ווו ס'האָט זיך געפונען אַ טייל פון די געטאָ־פאַרצייכענונגען פון דעם אַזוי־גערופענעם „רינגעלבלום־אַרכיוו", איז אויך געווען איין קאַסטן מיט גראַפישע אַרבעטן און אַקוואַרעלן פון געלע סעקשטײַן. די מערסטע פון זיי זענען געווען געמאָלטע קינדער־געשטאַלטן און אויך פּאָרטרעטן פון יִדישע שרײַבערס. אין סאַמע אויבנאָן פון קאַסטן האָט מען געפונען אַן אויטאָפּאָרטרעטישע צייכענונג פון דער קינסטלערין, וואָס זי האָט געמאַכט אין 1942 — ווײַזט אויס קורץ פאַר איר טראַגישן טויט. דערנעבן איז אויך געלעגן איר טרויעריקע צוואה, ווו זי באַשרײַבט — אין איר רוף צו די וואָס וועלן זי איבערלעבן — ווי שווער עס איז געווען איר לעבן, ווי זי האָט זיך שטענדיק געראַנגלט מיט איר גורל, כדי צו קענען זיך פאַרנעמען מיט איר באַליבטער קונסט. ווײַטער שרײַבט זי וועגן איר מוטערגליק און דער גלײַכצײַטיקער שרעק פאַרן לעבן פון איר טעכטערל, וואָס איז עפּעס מער ווי אַ יאָר אַלט און ווײַזט שוין אַרויס — לויט איר מיינונג — געוויסע קינסטלערישע נייגונגען. געלע איז זיך מודה אין איר אָנגעשריבענעם ווידוי, אַז איר גרעסטע זאָרג זענען דער גורל פון איר קינד און פון אירע קינסטלערישע אַרבעטן. זי וויל די דאָזיקע צוויי גרעסטע אוצרות אָפּראַטעווען. דאָס קינד האָט זי נישט געקענט פאַרהיטן פון טויט, אָבער די בילדער, וואָס זי האָט אויסבאַהאַלטן אין אַ קאַסטן און וואָס מ'האָט עטלעכע יאָר שפּעטער געפונען באַגראָבן מיט אַנדערע קאַסטנס, זענען געוואָרן אָפּגעראַטעוועט. דער מחבר פון דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיך פאַרגענומען צו ברענגען אין אָרדענונג די אָפּגעראַטעוועטע ירושה פון דער קינסטלערין, און כאָטש די בילדער זענען געווען דורכגענעצט און האָבן געקלעפּט איינס צום אַנדערן, איז אים דאָך געלונגען צו דערפירן זיי צו אַ נאָרמאַלן צושטאַנד.

אין וואַרשעווער געטאָ איז אויך אומגעקומען אַ קינסטלערין מיט אַ קריסטאַל־ריינער נשמה, אַ גרויסער טאַלאַנט, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן זיך געראַנגלט מיט דער נויט — רעגינע מונדליאַק.

זי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1887. די אָרעמקייט האָט זי גאַנץ פרי פאַרטריבן פון דער היים, און אויפן דרײַצנטן צי פערצנטן יאָר פאַרלאָזט זי פּוילן צוזאַמען מיט איר מאַמען און פאָרט אָפּ קיין בערלין. דער גרויסער מײַסטער פון דער דײַטשער מאָלערײַ־קונסט, מאַקס ליבערמאַן, באַקענענדיק זיך מיט די אַרבעטן פון דעם יונגן מיידל, האָט זיך אונטערגענומען צו לאָזן שטודירן רעגינען אויף זײַן חשבון. נאָך 2—3 יאָר לערנען אין בערלין קערט זי זיך צוריק אום קיין פּוילן צוזאַמען מיט איר מוטער, וועלכע האָט זיך אגב די גאַנצע צײַט נישט געקענט אַרײַנפּאַסן אין די בערלינער לעבנס־באַדינגונגען. קורץ נאָך דעם ברעכט אויס די רעוואָלוציע פון 1905, וואָס ווערט בלוטיק אונטערדריקט. די צאַרישע רעגירונג רעכנט זיך אָפּ מיט די אַרבעטער, העצט אויף די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן איינע קעגן דער אַנדערער און די שוואַרץ־מאַהניקעס אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף יִדן. רעגינע פאָרט צוריק קיין בערלין צוזאַמען מיט איר מוטער און אַ יִנגערער שוועסטער. די 18יאָריגע רעגינע מונדליאַק איז שוין אַ רײַפע קינסטלערין און דער באַרימטער בערלינער קונסטסאַלאָן פון פּאָול קאַסירער אָרדנט איין אַן אויסשטעלונג פון אירע אַרבעטן. באַגײַסטערטע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער יונגער קינסטלערין שרײַבן דאַן אַזעלכע גרויסע מאָלערס ווי הערמאַן שטרוק, משה אפרים ליליען א"אַ.

ס'דויערט נישט לאַנג און רעגינע קערט זיך צוריק אום קיין פּוילן און ווידער הייבט זיך אָן בײַ איר אַ לעבן פון אַרבעט און נויט. מונדליאַק האָט אַן אייגנאַרטיקן סטיל, זי איז עקספּרעסיוו און רעאַליסטיש. זי נעמט זיך דורך און ווייטיקט איבערן גורל פון די מענטשן וואָס זי שטעלט פאָר. אָבער די טיפּן וואָס זי מאָלט זענען עפּעס אַזעלכע שטאָלצע, פול מיט ווערדע. די קינסטלערין מאָלט און צייכנט דאָס פאָלק, גוטע, פשוטע מענטשן וואָס קענען זיך נישט, פונקט ווי זי אַליין, קיין עצה געבן אין לעבן. אירע מאָדעלן זענען קינדער־יתומים וואָס, אָנשטאָט זיך לערנען, מוזן זיי אַרבעטן. זי שילדערט פאַרדאַגהעטע הענדלערקעס, בײַ וועלכע די גאַנצע סחורה באַטרעפט אָפט נישט מער ווי אַן אָנבײַסן וואָס עסט אַ נגיד. מונדליאַק האָט געמאָלט טרעגערס, אײַנגעבויגענע אונטער זייער לאַסט, וואָס זיי שלעפּן; יִדן וואָס זיצן איבער גמרות, ווײַל זיי האָבן נישט קיין אַנדער באַשעפטיקונג; פאַרדאַרטע אַלטע מיידן, וואָס האָבן נישט געקענט חתונה האָבן, אָדער ווײַבער וואָס בענטשן ליכט פרײַטיק צו נאַכט אין אַן אָרעם, ליימען שטיבל. זי האָט אויך געשילדערט ווי מען פײַערט שבת, וואָס ברענגט אַן אָפּרו און אויסלײַכטערונג נאָך אַ שווערער זעקסטאָגיקער אַרבעט פון דער גאַנצער וואָך. אין די בילדער פון רעגינע מונדליאַק פאַרנעמען אַ גרעסערן פּלאַץ די טרויעריקע טעמעס ווי די פריילעכע,

אפילו ווען זי שילדערט דאָס אמאָליקע אזוי גערופענע „בעל־הבתישע" ייִדישע לעבן. 40 יאָר אָן איבעררײַס האָט געשאפן די דאָזיקע ענערגישע ייִדישע קינסטלערין, אָבער די ייִדישע בורזשואזיע האָט גאָרנישט געוואָלט וויסן פון דער דאָזיקער „קעטע קאָלוויץ" פון דער ווארשעווער ייִדישער געגנט.

בעת דער אָקופּאציע איז די 50יעריקע מונדליאַק, שוין א קראַנקע און צעבראָכענע, פארטריבן געוואָרן, צוזאמען מיט די אַנדערע ייִדן, אין ווארשעווער געטאָ. סײַ דער יודענראט, סײַ דער דעמאָלטיקער אָנפירער פון דער קונסט־אָפּטיילונג, דער רענעגאט אַלפרעד נאָסיג, האָבן זיך גאַנץ גלײַכגילטיק באצויגן צו דער פארצווייפלטער לאַגע פון דער קינסטלערין. זי האָט נישט באַקומען די מינדסטע מאטעריעלע הילף ביז דעם לעצטן טאָג פון איר זײַן אין געטאָ, ווען מ'האָט זי אַוועקגעפירט צום „אומשלאַגפּלאַץ". ד"ר רינגעלבלום, וואָס האָט זיך באַמיט ארויסצורײַסן זי פון די נעגל פון טויט, שרײַבט וועגן דעם אין זײַנע זכרונות („נאָטיצן פון ווארשעווער געטאָ" ז' 307):

„שמערלינג, — *) א ריז מיט א שפּיציק בערדל און א בייז פּנים, האָט געוווּסט נאָר איינס: געלט. דער וואָס האָט זיך בײַ אים אויסגעקויפט, דעם האָט ער באפרײַט. די ייִדישע אינטעליגענץ האָט נישט געהאט קיין געלט, האָט זי געמוזט גיין קיין טרעבלינקע. איך וועל נישט פארגעסן ווען ער האָט זיך אויף מיר געוואָרפן מיטן קאַנטשיק, ווען איך האָב געפּרוּווט זיך אײַנשטעלן פאר דער פּיאַניסטקע האַלינאַ דיקשטיין, פאר דער מאָלערין רעגינאַ מונדליאַק און דעם עקאָנאָמיסט ד"ר ליפּאָווסקי. דאָס איז געווען מײַן ערשטער און לעצטער צוזאמענטרעף מיט שמערלינגען".

אזוי איז אומגעקומען רעגינאַ מונדליאַק — איינע פון די נאָבלסטע ייִדישע פרויען, א גרויסע הומאניסטין און א קינסטלערין מיט א נישט־דורכשניטלעכן מאָלערישן טאַלאַנט.

בנימין ראָזענפעלד איז אין ווארשעווער געטאָ געווען כמעט א לעגענדארישע געשטאַלט. ער איז געווען באפרײַנדט מיטן קונסט־היסטאָריקער שמעון זײַטשיק, וועלכער האָט צוזאמען מיט ראָזענפעלדן שטודירט ארכיטעקטור. לויט דעם גבית־עדות פון דער פרוי פון שמעון זײַטשיק (געשטאָרבן שוין נאָך דער דײַטשער אָקופּאַציע) האָט ראָזענפעלד אין ווארשעווער געטאָ אויסגעבויט ממש פאַנטאַסטישע בונקערס פאר הונדערטער מענטשן. די בונקערס זאָלן האָבן געהאט עלעקטריש ליכט, וואסער־לייטונג און ווענטילאַציע. אין די באַדינגונגען פון געטאָ האָבן אזעלכע אויסגעבויטע באהעלטענישן באמת זיך געמוזט אויסווײַזן פאַנטאַסטיש! ראָזענפעלד גופא האָט געהאט זײַן וווינונג אויף דער ארישער זייט, ווו — לויט די זעלבע דערקלערונגען זאָל ער האָבן געהאַט א ראַדיאָאַפּאַראַט, וואָס האָט אויפגעכאַפּט ידיעות וועגן דער לאַגע אויף די קריגספראָנטן. ראָזענפעלד איז אַלע מאָל געווען שטארק אקטיוו און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן מוט. ער האָט געשמוגלט געווער פאר די קאַמפּסגרופּעס אין געטאָ און אויך באַוויזן אָפּט צו ברענגען לעבנס־מיטלען פאר די הונגעריקע ייִדן, צווישן זיי פאר דער משפחה זײַטשיק, וואָס האָט אזוי אַרום באַוויזן אויפצוהאַלטן איר געמוטשעט לעבן: ראָזענפעלד, וואָס איז אַחוץ ארכיטעקט אויך געווען מאָלער און סקולפּטאָר, איז ווארשײַנלעך אומגעקומען אין ווארשעווער אויפשטאַנד.

*) שמערלינג האָט אָנגעפירט מיט דער „אויסזידלונגס־אַקציע" אין ווארשעווער געטאָ.

אַן אַנדער באַקאַנטער ארכיטעקט, הענריק בלוס, וואָס האָט פאר דער מלחמה געאַרבעט צוזאמען מיט ראָמאַן סיגאַלין (פּונקט אַזאַ אויסגעצייכנטער אַרכיטעקט ווי בלום), איז בעת דער אָקופּאַציע געצוווּנגען געוואָרן צו מאַכן דעם פּראָיעקט פאר דער געבײַדע אויף גארבוט 8, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך 300 אַרבעטער, אויסגעקליבענע צווישן דער ווארשעווער ייִדישער אינטעליגענץ. די געבײַדע, בײַ וועלכער ס'האָבן געאַרבעט אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים, שרײַבערס א"א, שטייט ביזן הײַנטיקן טאָג, אָבער די וואָס האָבן זי אויפגעשטעלט, צוזאמען מיטן ארכיטעקט בלום, זענען אַלע אומגעקומען.

---

כוואַליעס פּליטים וואָס האָבן זיך געוואָלט אויסהיטן פאר די היטלעריסטן נאָכן מלחמה־אויסבראָך, זענען געלאָפן אין צוויי ריכטונגען: קיין ביאַליסטאָק און קיין לעמבערג. די, וואָס זיי איז געלונגען אָנצוקומען אין די דאָזיקע שטעט, זענען ארונטער אונטערן שוץ פון ראַטן־פארבאַנד. אזוי זענען אַנטשטאַנען צוויי עמיגראַציעצענטערס, ווו די פּוילישע קינסטלערס האָבן באַקומען א מעגלעכקייט אָנצוגיין מיט זייער שעפערישער ארבעט און פירן א נאָרמאַל לעבן. אין יוני 1941, ווען די דײַטשן זענען איבערגעפאַלן דעם ראַטן־פארבאַנד, האָבן נישט אַלע קינסטלערס באַוויזן צו ראַטעווען זיך פון ביאַליסטאָק און אַוועק ווײַטער אויף מזרח; א סך פון זיי זענען שפּורלאָז פארשוווּנדן.

מיר וועלן דאָ דערמאָנען איייניקע ווארשעווער ייִדישע פּלאַסטיקערס, וואָס האָבן זיך דאָן אויסבאַהאַלטן אין ביאַליסטאָק און מען ווייסט נישט מער פון זייער געביין.

אברהם גוטערמאַן, געבוירן אין נאָווי־דוואָר אין יאָר 1899. ער האָט געלעבט אין זײַן קליין שטעטל, זיך אָפּגעגעבן מיט צייכענען, אָבער ער האָט נישט געזען דערין קיין שום תכלות. ערשט אין 1917, ווען ס'איז אים געלונגען אַוועקצופאָרן קיין קראָקע, האָט ער באַוויזן דאָרט צו פאַראינטערעסירן מיט זײַן טאַלאַנט דעם ייִדישן מאָלער אַרטור מאַרקעוויטש, וועלכער האָט אים פאָרגעשטעלט דעם דעמאָלטיקן רעקטאָר פון דער קראָקעווער אַקאַדעמיע, טעאָדאָר אַקסענטאָוויטש. דער פעיִקער בחור איז גלײַך ארײַנגענומען געוואָרן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע.

אברהם גוטערמאַן איז געווען א מיטגליד פון דער קפ"פ און האָט געהערט צו יענע מאָלערס, וואָס האָבן זיך באַמיט ארויסצוברענגען א פּראָלעטאַרישע טעמאַטיק. דאָס איז אים אָבער נישט אַלע מאָל געלונגען, ווײַל ער איז ארונטערגעפאַלן אונטערן אײַנפלוס פון עקספּרעסיאָניזם.

גוטערמאַן האָט זיך געדאַרפט ראַנגלען מיט דער נויט און דערצו איז ער אויסגעשטאַנען פארפאָלגונגען פון דער פּראָקוראַטור צוליב דעם וואָס זײַנע בילדער זענען געווען דורכגעדרונגען מיט א רעוואָלוציאָנערן גײַסט. ער האָט ווי א קינסטלער רעאַגירט אויף די געשענישן פון טעגלעכן לעבן, אויפן ווײַסן טעראָר, אויף די דעמאָנסטראַציעס אא"וו. זײַנע בילדער האָט גוטערמאַן אויסגעשטעלט אין ווארשע אין „ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין" (אין 1932 און 1936), אין לאָקאַל פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע (1929), אויך אין דער „זאַכענטאַ" און אין דער „ייִדישער געזעלשאַפט צו פארשפּרייטן קונסט", ווו ער איז געווען א מיטגליד.

אין 1939 איז אברהם גוטערמאַן געוואָרן עוואַקויִרט קיין ביאַליסטאָק, ווו ער איז פארבליבן ביז 1941. ווי מען רעכנט, איז גוטער־

מאַן אומגעקומען פון אַ היטלעריסטישער באָמבע בעת זײַן אַנטלויפן פון ביאַליסטאָק אין דער ריכטונג צו מזרח.

קזשעטשאַנאָווסקי יצחק, געבוירן אַרום 1910 אין אַ שטעטעלע בײַ קוטנע. גאַנץ יונג איז ער אָנגעקומען קיין וואַרשע, וווּ ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן און געמוזט טון יעטוועדע אַרבעט כדי צו פאַרדינען זיך אויף ברויט. זײַן איינציקע טרייסט אין דעם שווערן לעבן איז געווען דאָס צייכענען אין די פרײַע מינוטן. ענדלעך האָט ער זיך דערשלאָגן צו דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע, וווּ ער האָט זיך גיך אַרויסגערוקט ווי איינער פון די פעיִקסטע גראַפיקערס אויפן געביט פון אַקוואַפאָרטן און אַקוואַטינטן. *) קזשעטשאַנאָווסקי האָט געמאָלט און גראַווירט אַ סך זאַכן אויף סאָציאַלע טעמעס. אין 1939 האָט ער באַוויזן בײַ צײַטנס אָפּצופאָרן קיין ביאַליסטאָק, אָבער ווען די היטלעריסטן זענען איבערגעפאַלן דעם ראַטן־פאַרבאַנד, איז אים שוין נישט געלונגען צו אַנטלויפן טיפער קיין רוסלאַנד. שוין בײַם אָנהייב פון דער אָקופּאַציע האָט די געסטאַפּאָ אים געכאַפּט און דערשאָסן הינטער ביאַליסטאָק.

פרידמאַן אברהם, געבוירן אין וואַרשע אין 1905, אויף נאַוואָליפּקע 62. שוין ווי אַ קליין ייִנגל האָט אברהם אַרויסגעוויזן גרויסע פעיִקייטן צו צייכענען און אַלע ווענט האָט ער אויסגעפּילט מיט קרײַד־צייכענונגען פון פאַרשידענע פיגורן און חיות. ווען ס'האָט אים אויסגעפעלט קרײַד האָט ער די צייכענונגען אויסגעקריצט מיט זײַנע נעגל, וועלכע ער האָט דערפאַר זיך נישט געלאָזט אָפּשנײַדן. אין עלטער פון 15 יאָר האָט אים דער פאָטער אָפּגעגעבן אויף דער לער צו אַ שנײַדער. יעדע פרײַע מינוט פון דער אַרבעט האָט אברהם אָפּגעגעבן דעם צייכענען אָדער מאָלן. ער האָט אָנגעהויבן צו צייכענען פּאָרטרעטן פון די שכנים, און אַ דאַנק זײַן גרויסן טאַלאַנט האָט מען אים אַרײַנגענומען אין דער וואַרשעווער שול פאַר שיינער קונסט, כאָטש ער האָט נישט געהאַט די נייטיקע דערצו מאַטורע (צײַגעניש פון מיטל־בילדונג). ער האָט זיך בלויז פאַרפליכטעט זיך צוצובילדן און ער האָט טאַקע ביז שפּעט בײַ נאַכט זיך געלערנט. דער פּראָפעסאָר, וואָס האָט אים געלערנט, האָט זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיט זײַן פעיִקן שילער, אַז ער האָט אים באַזוכט אין זײַן היים און געבעטן די עלטערן, זיי זאָלן אים נישט שטערן אין לערנען. סוף כל סוף האָבן די פּראָפעסאָרן אַרויסבאַקומען די דערלויבעניש פאַר אברהמען צו וווינען אין אַקאַדעמישן הויז.

אברהם פרידמאַן איז געווען אַ גלענצנדיקער קאָלאָריסט און האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זײַן אַרויסברענגען די טעמאַטיק. אויף די קאָנקורסן פון דער אַקאַדעמיע האָבן פרידמאַנס בילדער מיינסטנס געוווּנען די ערשטע פּרעמיעס. נאָך אָנהייב די דרײַסיקער יאָרן האָבן פרידמאַנס שאַפונגען געהאַט גרויס דערפאָלג סײַ אויף די אַלגעמיינע אויסשטעלונגען, סײַ אויף די אויסשטעלונגען פון דער „ייִדישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט". פרידמאַן האָט ליב געהאַט די פּוילישע לאַנדשאַפט און האָט זי אָפט אַרויסגעבראַכט אין זײַנע ווערק. אייניקע פון זײַנע בילדער זענען פאַר דער מלחמה פאַרקויפט געוואָרן דורכן וואַרשעווער נאַציאָנאַלן מוזיי

אין דער פאָרעם איז פרידמאַן געשטאַנען נאָענט צום באַרימטן פּוילישן מאָלער וואַלישעווסקי און ער האָט אַפילו אין אייניקע פון זײַנע אַרבעטן איבערגעשטיגן דעם מײַסטער. פרידמאַן איז דערמאָרדעט געוואָרן אין ביאַליסטאָק נאָך די ערשטע חדשים פון דער דײַטשער אָקופּאַציע.

דעם קינסטלערס פרוי, נינאַ האַלפּערן־פרידמאַן, איז אויך געווען אַ מאָלערן. כאָטש זי האָט נישט שלעכט געמאָלט, האָט זי זיך אָבער תמיד באַטראַכט ווי אַ שילערין פון איר מאַן. אָפט האָט מען זיי צוזאַמען געזען אַרויספאָרן מאָלן אויף דער פרײַ, און ס'האָט זיי אַפילו נישט אָפּגעשטעלט דאָס ערנסטע וועטער.

נינאַ איז נאָך געווען יונג, שיין און שלאַנק ווען זי האָט פאַרלוירן דעם מאַן. ס'איז פאַר איר געווען דער שווערסטער קלאַפּ. זי האָט זיך געפונען אין ביאַליסטאָקער געטאָ און האָט דאָרט געהערט צו דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. זי האָט אַרויסגעוויזן אַ סך מוט און נישט איין מאָל אַריבערגעשמוגלט געווער אין געטאָ. ווי עס האָט איבערגעגעבן אַ באַגלויבטער עדות, האָט זי געהאַט אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען דאָס לעבן, אָבער זי האָט בעסער געוואָלט בלײַבן אין געטאָ, צו קעמפן קעגן אָקופּאַנט. זי איז געווען איינע פון די לעצטע קרבנות פון ביאַליסטאָקער געטאָ.

בער ראָלניצקי איז געווען וויצעפּרעזעס פון פאַראיין פון ייִדישע קינסטלער־פּלאַסטיקערס אין וואַרשע. זײַנע בילדער האָבן אויף די אויסשטעלונגען זיך אויסגעצייכנט בעיקר מיט זייערע וואַרעמע טענער און מיט לעבעדיקע זשעסטאויסדרוקן פון די געשטאַלטן. וועגן אַן אויסשטעלונג פון די בילדער פון דאָזיקן קינסטלער האָט געשריבן פעליקס פרידמאַן אין די „ליטעראַרישע בלעטער". אויף אַן אויסשטעלונג פון „איפּס" (פּראָפּאַגאַנדע־אינסטיטוט פון קונסט) אין וואַרשע האָט זיך געפונען בער ראָלניצקיס בילד „כלי־זמרים".

אויך ראָלניצקיס זון בנימין האָט אַרויסגעוויזן גרויסע פעיִקייטן ווי אַ קינסטלער־גראַפיקער. ביידע איז געלונגען אין 1939 צו אַנטלויפן פון וואַרשע קיין ביאַליסטאָק, וווּ זיי זענען אומגעקומען.

אפרים און מנשה זײַדענבײַטל, צווילינגס־ברידער. געבוירן דעם 17טן יוני 1903. ביידע זענען געווען מאָלערס, פּונקט ווי דער עלטסטער ברודער יוסף, צו וועמענס טאַלאַנט זיי האָבן פון דעסט וועגן נישט דערגרייכט, כאָטש זיי האָבן איבערראַשט מיט זייערע הערלעכע פאַרבן. די צווילינגס־ברידער זענען אויך געווען פון דער זעלבער הייך און גלײַך דאַר און אויך די פּנימער זענען געווען אַזוי ענלעך, אַז מען האָט זיי לײַכט געקענט פאַרטוישן. ביידע האָבן געוווינט אין ייִדישן אַקאַדעמישן הויז און שטודירט אין דער וואַרשעווער אַקאַדעמיע בײַ די פּראָפעסאָרן סקאָטשילאַס און פּרושקאָווסקי. די ברידער זענען כמעט שטענדיק געווען צוזאַמען; אַפילו וואָס שייך זייער מאָלערישן טאַלאַנט איז זיי שווער געווען צו אונטערשיידן. אָפט האָבן זיי געמאָלט בשותפות אַ בילד און עס אונטערגעשריבן בלויז מיטן פאַמיליע־נאָמען. אין דער קונסט האָבן זיי זיך אויסגעלעבט בלויז אין די פאַרבן און וויבראַציעס. אָבער עס איז זיי גאָרנישט אָנגעגאַנגען דער אינהאַלט. זייער ווירטואָזיטעט און די לײַכטקייט פון פּענדזל האָט זי דערפירט צו קאָסמאָפּאָליטיזם. אין קאַזשימיעזש־דאָלני האָבן זיי אָפט געמאָלט קליינע שטיבלעך, וווּ ס'האָבן געוווינט די אָרעמסטע פון שטעטל, אָבער זיי זענען דאָרט פאַרבײַגעגאַנגען גאַנץ גלײַכגילטיק. וואָס שטאַרקער עס איז אָנגעגאַנגען די פאַשיזאַציע אין לאַנד, אַלץ מער האָבן די זײַדענבײַטלס זיך דערווײַטערט פון דעם פּשוטן פאָלקסמענטש. דערפאַר האָט זייער שאַפונג זיך נישט גערירט פון אָרט. ביידע האָבן כסדר געמאָלט, אָבער דאָס וואָס זיי האָבן געשאַפן איז געווען אַן איבערחזרונג פון דאָס זעלבע. דער מאָלערישער ווערט פון בילד — דאָס איז געווען זייער פעטיש. דערצו האָבן זיי געהאַט אַ גרויסקייט־מאַניע און זיך געהאַלטן גאַנץ שטאָלץ. די דאָזיקע שוואַכ־

*) אַקוואַטינט — גראַווירונג אויף קופּער (קופּערשניט) וואָס דערמאָנט אַ טוש־מאָלערײַ.

קײטן האָט די פּױלישע בורזשואַזיע גערן אױפגעכאַפּט און זײ אַפילו געהנפעט אין איר פּרעסע. מען דאַרף אָבער צוגעבן אַז נישט קוקנדיק אױף זײערע חסרונות, װאָס זענען אײגנטלעך געװען אַ רעזולטאַט פון בורזשואַזן אײַנפלוס פון דער סביבה, האָבן די ב־ידער אפרים און מנשה אַ סך פּאָזיטיװע שטריכן אין זײער שאַפונג און אַ סך זײערע בילדער האָבן זיך אױסגעצײכנט מיט אַ הױכן קינסטלערישן ניװאָ. זײער װעלן זיך דערנענטערן צו די בורזשואַזע ספערעס האָט נישט אײן מאָל בײַ זײ גורם געװען אַ שטאַרקע פאַרביטערונג. עס איז זײ אױסגעקומען צו הערן בײזװיליקע אַנטיסעמיטישע אָנצוהערענישן אַפילו פון די כלומרשטע ליבעראַלן, װאָס האָבן זיך אין דער אמתן גענײגט צו די מוסטערס פון דײַטשן פאַשיזם.

זינט 1930 באַװײַזן זיך װאָס אַ מאָל אָפטער די בילדער פון די ברידער זײַדענבײַטל אױף די פּױלישע אױסשטעלונגען, װו זײ װערן שטאַרק געלױבט. זײ באַטײליקן זיך אױך אױף די אױסשטעלונגען פון פּױלישע קינסטלערס אין אױסלאַנד: אין לאָנדאָן, שװעדן, פינלאַנד, װענעציע און אַפילו אין ראַטן־פאַרבאַנד. אױף דער אױסשטעלונג אין מאָסקװע אין 1934 האָבן זיך אױך געפונען די בילדער פון די זײַדענבײַטלס און אײנס פון זײ „יולקאַ", איז אָפּגעקױפט געװאָרן פאַר די סאָװעטישע מלוכה זאַמלונגען.

אין סעפּטעמבער 1939 זענען בײדע זײַדענבײַטלס אַװעק קײן ביאַליסטאָק. ערשט דאָ, אונטער דער סאָװעטישער מאַכט, האָבן זײ זיך אָפּגעגעבן חשבון אין װאָס פאַרא גײַסטיקער שקלאַפערײַ זײ האָבן ביז איצט געשטעקט און װי אינהאַלטלאָז איז געװען זײער קונסט. זײ האָבן דערזען װי װײניק בילדער מיט אַ הומאַניטאַרן אינהאַלט זײ האָבן ביז איצט געשאַפן. אין ביאַליסטאָק האָבן זײ אָנגעטראָפן גאָר אַן אַנדער װעלט! דאָ װערן אַלע נאַציאָנאַליטעטן געשעצט און אַלע פעלקער זענען גלײַך און מ'דאַרף נישט שעמעװדיק באַהאַלטן דעם אײגענעם אָפּשטאַם. מען האָט זיך באַצױגן צו זײ װי צו די אַנדערע קינסטלערס און זײ האָבן זיך נישט אָנגעשטױסן נישט אױף קאָנקורענץ און נישט אױף אַנטיסעמיטיזם. זײ האָבן פעסטגעשטעלט אַז אַ בילד קען זײַן דידאַקטיש און דאָך נישט פאַרלירן זײַן קינסטלערישן װערט. ערשט אין ביאַליסטאָק האָבן אפרים און מנשה פאַרשטאַנען אין װאָס עס דאַרף זיך אױסדריקן דער קרעדאָ פון אַ קינסטלער אין דער שװערער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. די זײַדענבײַטלס האָבן באַקומען פון דער סאָװעטישער רעגירונג אַ סך באַשטעלונגען און פאַר אײן בילד האָט מען זײ אױסגעצאָלט אַזאַ סומע, אַז זײ האָבן פאַר דעם געלט געקענט לעבן בהרחבה אַ גאַנץ יאָר.

אין יוני 1941 האָבן די צװילינגס־ברידער שױן נישט באַװיזן זיך אַרױסצורײַסן פון ביאַליסטאָק. זײ זענען פאַרשפּאַרט געװאָרן אין דאָרטיקן געטאָ און דורכגעמאַכט די זעלבע פּײַן און לײדן װי די אַנדערע יידן. די ברידער זײַדענבײַטל האָבן דערנאָך געהערט צו די 300 לעבן געבליבענע נאָך די לעצטע ליקװידיר־אַקציעס אין ביאַליסטאָקער געטאָ. מ'האָט זײ דערנאָך געטריבן פון אײן לאַגער אין אַנדערן, ביז זײ זענען אָנגעקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון פלעסענבורג (אין װירטענבערג). די ס"ס־לײַט האָבן די געפאַנגענע פון דאָזיקן לאַגער געטריבן טיפער אין דײַטשלאַנד. די זײַדענבײַטלס האָבן נאָך דאַן געלעבט, אָבער זײ זענען דערמאָרדעט געװאָרן קורץ פאַרן פאַרענדיקן די מלחמה, אין אַפּריל 1945.

דער לעצטער ברודער הערש זײַדענבײַטל איז געװען אַ סקולפּטאָר. ער האָט אױסגעשטעלט זײַנע אַרבעטן אין װאַרשע און אין לאָדזש נאָך דער ערשטער װעלט־מלחמה. צוליב די שװערע מאַטעריעלע באַדינגונגען האָט ער אין 1926 עמיגרירט קײן אַרגענטינע. אױף אַן אױסשטעלונג אין בוענאָס־אײַרעס האָט ער באַקומען אַ פּרעמיע פאַר אײנער פון זײַנע סקולפּטאָרן.

הערש זײַדענבײַטל איז געשטאָרבן אין אַרגענטינע אין 1950.

---

אַ סך יידישע קינסטלערס פון װאַרשע, װאָס האָבן זיך געפונען אין פראַנקרײַך בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, האָבן געהאַט דעם זעלבן גורל װי זײערע קאָלעגן אין פּױלן. די היטלעריסטן האָבן אַ טײל דערמאָרדעט אױפן אָרט, אַנדערע אַרױסגעפירט פון פראַנקרײַך צו די לאַגערן פון דײַטשלאַנד אָדער פּױלן, װו די מערסטע פון זײ זענען אומגעקומען.

צװישן די װאַרשעװער קינסטלערס, װאָס האָבן זיך דאַן געפונען אין פראַנקרײַך און זענען אומגעקומען אױף אַן ענלעכן אופן, זענען געװען דער אַרכיטעקט און מאָלער יעזשי אַשער, װעמען מיר האָבן שױן דערמאָנט פריער, און פישל זילבערבערג.

פישל זילבערבערג איז געװען אײנער פון די אָנגעזעענסטע גראַפיקערס פון ייִנגערן דור, געבױרן אין פּלאָצק דעם 23טן יולי 1909. ער האָט שטודירט אין דער װאַרשעװער אַקאַדעמיע בײַ דעם באַרימטן מאָלער פעליציאַן־שטשענסני־קאָװאַרסקי. זילבערבערג איז געװען אַ לײדנשאַפטלעכער האָלצקריצער, גראַפיקער און מאָלער פון אַ בולט סאָציאַלער טענדענץ.

אין 1936 איז אַנטשטאַנען אין װאַרשע אַ גרופּע גראַפיקערס אונטערן נאָמען „שװאַרץ און װײַס", װאָס האָט געהאַט אירע אױסשטעלונגען אין „זאַכענטאַ". ערן־פּרעזעס פון דער גרופּע איז געװען לעאָן װיטשולקאָװסקי, װאָס האָט אױך אױסגעשטעלט זײַנע זאַכן אין „זאַכענטאַ". נאָך דעם װי די סאַנאַציע־רעגירונג האָט אין 1934 געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט היטלערן, איז דער דרוק אױפן אַרבעטער־קלאַס געװאָרן װאָס אַ מאָל שטאַרקער. עס זענען געקומען שלעכטע צײַטן נישט בלױז פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן פון פּױלן, נאָר אױך פאַר די פּראָלעטאַרישע קינסטלערס. אײנער פון די װיכטיקסטע מיטגלידער פון דער גרופּע „שװאַרץ און װײַס", פישל זילבערבערג, איז געװען געצװאונגען צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד און האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז אין 1938. מ'האָט זיך אױף אים דאָרט באַלד דערקענט, און אָפּשאַצנדיק זײַן גרױסן טאַלאַנט, האָט מען בײַ אים געמאַכט אַ סך באַשטעלונגען. עס האָט זיך מיט דעם יונגן קינסטלער פאַראינטערעסירט דער קונסט־היסטאָריקער קאַרל שטערלינגער און דער װאַרשעװער קונסטקריטיקער, װאָס האָט שױן דאַן געװױנט אין פּאַריז, יחיאל אַראָנסאָן.

אין יאָר 1940 האָבן די היטלעריסטישע האָרדעס פאַרכאַפּט פּאַריז און צװײ יאָר שפּעטער (אין מאַרץ 1942) איז זילבערבערג אַרײַנגעפאַלן אין די נאַצישע לאַפּעס. מ'האָט אים פאַרשפּאַרט אין אַ פראַנצױזישן לאַגער און דערנאָך אָפּגעטראַנספּאָרטירט קײן אָשװיענטשים. דאָרט איז ער קראַנק געװאָרן אױף טיפוס און צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע געגאַנגען אין דער קרעמאַטאָריע.

---

מיר װעלן איצט איבערגײן צו די ייִדישע קינסטלערס װאָס האָבן זיך בעת דער אָקופּאַציע געפונען אױסער דעם װאַרשעװער געטאָ, אָבער זײ זענען געכאַפּט געװאָרן פון די נאַציס און אומגעקומען. אײניקע פון זײ זענען אומגעבראַכט געװאָרן אין דער תפיסה אָדער אין געטאָ, װוהין מ'האָט זײ פאַרטריבן, און אַנדערע, װעלכע מ'האָט געכאַפּט אױסער דער הױפּטשטאָט, זענען אױפן אָרט דערשאָסן געװאָרן.

ראָמאַן קראַמשטיק האָט זיך גערעכנט אין פוילן ווי איינער פון די באַרימטסטע מאָלערס פון עלטערן דור. ער האָט אָפגעשטאַמט פון אַ פאַטריאָטישער משפחה און זײַן זיידע יצחק קראַמשטיק, אַ פרידיקער אין דער דײַטשער (פאָסטעמפאָווע) שיל אויף די נאַלעווקעס, האָט זיך באַטייליקט אין אויפשטאַנד פון 1863. ראָמאַנס פאָטער איז געווען אַ וואַרשעווער דאָקטאָר און די מוטער האָט געשטאַמט פון דער יִחוסדיקער פאַמיליע פאַיאַנס. ראָמאַן קראַמשטיק איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין 1885. שוין קליינערהייט האָט ער אַרויסגעוויזן קינסטלערישע פעיִקייטן און צו 27 יאָר איז ער שוין געווען אַ באַרימטער מאָלער וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער אויסשטעלונג פון די פראָגרעסיווע בערלינער קינסטלערס אונטער דער אָנפירונג פון מאַקס ליבערמאַן. אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג פון דער אַוואַנגאַרד־גרופע פון דײַטשע פלאַסטיקערס ,אונטערן נאָמען „סעצעסיע", זענען געוויזן געוואָרן בילדער פון אַזעלכע וועלט־באַרימטע קינסטלערס ווי: איזראַעלס, וואַן גאָג, מאָנע, ראָדען, פיקאַסאָ. קראַמשטיק, איינער פון די יִינגסטע אויף דער אויסשטעלונג, איז אָנערקענט געוואָרן ווי אַן אויפגייענדיקער מאָלערישער טאַלאַנט. און ווירקלעך האָט קראַמשטיקס שעפערישקייט זיך הערלעך אַנטוויקלט און זײַנע בילדער האָבן געהאַט אַ הויכן ווערט סײַ אין דער הינזיכט פון פאָרעם, סײַ אין דער פאַרטיפונג פון דער טעמע. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ סעזאַניסט *), אָבער קראַמשטיק איז ענלעך געווען צו סעזאַנען בלויז אין דער פאָרעם.

ער האָט קיין מאָל נישט פאַרלוירן דעם חוש פאַר רעאַליזם און האָט אַלע מאָל אונטערגעשטראָכן דעם אינהאַלט פון דער אַרויסגעבראַכטער טעמע. פאַר דער מלחמה האָט מען אים בעיקר אָפגעשאַצט פאַר זײַן הומאַניסטיש אויפנעמען די טעמעס. דאָס האָט אים נישט געשטערט אַרויסצוברענגען זײַנע מענטשלעכע געשטאַלטן, לאַנדשאַפטן אָדער זאַכן אין אַ דעקאָראַטיווער קאָלאָריסטיק. אמת טאַקע אַז אין דער ערשטער פאַזע פון זײַן שעפערישער טעטיקייט האָט ער נאָך באַנוצט עקסטאַזפולע טענער, אָבער דער אינהאַלט פון זײַן מאָלערישער וויזיע איז אַלע מאָל אַרויסגעקומען גאַנץ קאָנקרעט.

ביז 1939 האָט קראַמשטיק געהאַט צוויי היימען: וואַרשע און פאַריז. אין ביידע שטעט האָט ער געהאַט נישט נאָר זײַנע אַטעליעס, נאָר אויך זײַנע פאַרערערס, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען וויסנשאַפטלערס, קינסטלערס, אינטעלעקטואַלן, פײַנשמעקערס וואָס האָבן זיך קריטיש באַצויגן צו די וואָס האָבן זיך אַליין געמאַכט רעקלאַמע, חשובע לײַט וואָס האָבן אויסגעצייכנט געקענט די בודואַר־סודות פון גרויסע וועלטדאַמעס און גלײַכצײַטיק האָבן זיי זיך אויך גוט אָריענטירט אין די קורסן פון פאַרשידענע אַקציעס — מיט איין וואָרט, אַלץ אַזעלכע מענטשן וואָס זיי האָט נישט אינטערעסירט אַזאַ ענין, למשל, ווי וויפל פאַרדינט אַן אַרבעטער אַ טאָג, אָדער וואָס עס טוט זיך אין די דאַכשטיבלעך צי אין די קעלער־וווינונגען. אַלע אַזעלכע פראָבלעמען, וואָס באַרירן די אַרבעטנדיקע מאַסן, זענען פאַר זיי געווען אַן אומבאַקאַנטע וועלט.

אויך קראַמשטיק האָט אין זײַן שאַפן ביז דאַן נישט באַהאַנדלט קיין פראָבלעמען וואָס דאָס לעבן אין די קאַפיטאַליסטישע לענדער וואַרפט אָן די ברייטע אַרבעטס־מאַסן. ערשט אין וואַרשעווער געטאָ, — וווּהין די היטלעריסטן האָבן אים פאַרטריבן בעת דער אָקופאַציע, נאָך דעם ווי זיי האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון זײַן שיינעם אַטעליע וואָס האָט זיך געפונען אויף סענאַטאָרסקע, נישט ווײַט פון דער געטאָ־מויער — האָט קראַמשטיק פאַרשטאַנען אַז ער האָט צענדליקער יאָרן געבלאָנדזשעט. אויפן באָדן פון קליינעם, ענגן געטאָ האָט ער ערשט דערזען דעם גאַנצן גרויל וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער הערשאַפט פון דער קאַפיטאַליסטישער סיסטעם, וועלכע האָט אין דער אַזוי גערופענער „פרידנסצײַט" זיך באַמיט צו פאַרגלעטן און פאַרמאַסקירן די אַלע מינים סתירות. דאָרט האָט קראַמשטיק געזען ווי די אין היטלעריסטישן דײַטשלאַנד אויסגעשולטע אַרמיי פון רויבערס און מערדערס האָט זיך געוואָרפן ווי די היענעס אויף די שוצלאָזע, כדי זיי צו פאַרצוקן און זיך באַרײַכערן אויפן חשבון פון דער שרעקלעכסטער מענטשלעכער נויט. דער קינסטלער האָט דערזען אויך צווישן די קרבנות גופא מוראַדיק־אָפשטויסנדיקע דערשײַנונגען, וואָס זענען געווען אַ רעזולטאַט פון דער צעפוילטער קאַפיטאַליסטישער סיסטעם. ער האָט געטראַכט וועגן די רײַכע לײַט, וואָס פרעסן און זויפן אין עלעגאַנטע רעסטאָראַנען, און אַ פאָר שריט ווײַטער טרעפט מען אָן אויף געשוואָלענע מתים, קרבנות פון הונגער.

קראַמשטיק איז געווען איינער פון די ווייניקע קינסטלערס וואָס האָבן, נישט קוקנדיק אויפן פאַרבאָט, אונטער דער דראָונג פון טויט, ווײַטער פאָרגעזעצט זײַן שעפערישע טעטיקייט. אין יענע געטאָ־באַדינגונגען האָט ער אָנגעהויבן שאַפן זײַנע צייכענונגען — דאָקומענטן, וואָס האָבן געשילדערט די שאַקלהאַפטע באַציִונגען וועלכע האָבן געהערשט אין וואַרשעווער געטאָ. פון אונטער קראַמשטיקס פענדזל זענען אַרויסגעקומען אַזעלכע טראַגישע מאָטיוון פון דער סביבה וואָס האָט אים אַרומגערינגלט, אַז ס'האָט זיך געדאַכט ווי דער סטיל גופא פון זײַנע געטאָ־בילדער שרײַט אַרויס זייער ווייטיק. זײַנע צייכענונגען שטעלן פאָר מוטערס מיט קינדער אויסגעדאַרטע ווי די סקעלעטן, און אַנדערע — געשוואָלענע פון הונגער. קראַמשטיק האָט איינגעזען אַז עס עקסיסטירן גאָרנישט אַזעלכע פאַרבן וואָס זאָלן קענען אַרויסברענגען דעם גרויליקן אמת פון דער סביבה. ער האָט געאַרבעט אײַליק, פיבערדיק. צוזאַמען מיטן אַרכיטעקט יעזשי געלבאַרט האָט ער זיך פאַרמאַכט אין אַ שטוב פון אַ האַלב־אײַנגעפאַלענער חורבה אויף שיענע־גאַס און ביידע האָבן אַרויסגעענדיקט די צייכענונגען, געשאַפענע אויפן סמך פון אָבסערוואַציע. איינע פון זיי שווידערט ממש אויף. זי שטעלט פאָר אַן אויסגעדאַרטן באָרוועסן פאָטער, אָנגעטאָן אין שמאַטעס, וואָס טראָגט אויף די פלייצעס אַ קליין קינד, מיט די הענטלעך פעסט אײַנגעקלאַמערט אין האַלדז פונעם פאָטער; אויפן רעכטן אָרעם טראָגט ער אַ קלענער קינד, אפשר קוים פון אַ יאָר, און דערנעבן שפאַנט אַ 4־5־יעריק ייִנגעלע, וואָס דריקט קראַמפהאַפטיק די האַנט פון פאָטער. פון דער רעכטער זײַט זעט זיך דאָס קעפל פון אַ ביסל אַ גרעסערן מיידל, וואָס האָט איר פנים אויסגעדרייט צום פאָטער. דער אויסדרוק פון דאָזיקן מאַן, אַזאַ באַלאָדענער מיט קינדער, איז שווער צו באַשרײַבן, ווײַל אין דער גאַנצער קונסט־געשיכטע איז שווער צו געפינען אַזאַ געפילפולע טעמאַטיק ווי די וואָס קראַמשטיק האָט אָנגעטראָפן אין וואַרשעווער געטאָ! דאָס פנים פון דאָזיקן פאָטער איז געווען ווי די פאַרקערפערונג פון זאָרג און שרעק פאַרן לעבן פון זײַנע קינדער, וואָס האָבן אַזוי הילפלאָז אויסגעקוקט אויף אַ מעגלעכער רעטונג, בעת דער פאָטער גופא פילט שוין די נאָענטקייט און אומפאַרמײַדלעכקייט פון טויט. ס'איז שווער צו באַשרײַבן די דאָזיקע דאָקומענטאַלע צייכענונגען, אָבער דערפאַר איז גרינג אַרויסצולייענען פון זיי ווי ווײַט דער קינסטלער האָט זיך דורכגענומען מיט דער פײַן און מיט די ליידן פון די געטאָ־מענטשן אַז ער האָט געקענט זיי אַזוי אײַנדרוקספול אַרויסברענגען אויף

*) אָנהענגער, אָדער נאָכפאָלגער פון באַרימטן פראַנצויזישן מאָלער פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, סעזאַן.

קליינע בייגנדלעך פּאַפּיר. קראַמשטיק האָט אפילו באַוויזן בײַם צייכענען די ראַזיקע קאָשמאַרע בילדער אַרויסצוברענגען מענטשלעכע ווערדע בײַ די אַלע קרבנות און דאָס באַווײַזט אַז עס איז מעגלעך געווען, דער מענטש זאָל אויסהאַלטן זײַן חשיבות אפילו אין אַזעלכע שרעקלעכע באַדינגונגען. דעם אויפשטאַנד אין געטאָ האָט דער קינסטלער נישט געקענט שילדערן, — ער האָט שוין דאַן נישט געלעבט. זײַן לעבן און שאַפן אין געטאָ האָבן אים אַרויסגעהויבן איבערן ניוואָ פון אַ יחיד: ער איז דאָרט געוואָרן אַן אַקטיווער קעמפער פאַר די העכסטע מענטשלעכע אידעאַלן.

זומער 1942, בעת דער שרעקלעכער „אויסזידלונגס־אַקציע”, ווען קראַמשטיקס חברים פון מילנע 9 זענען געוואָרן אַרויסגעשלעפּט אויף דער גאַס כדי זיי אָפּצופירן צו די וואַגאָנען, איז קראַמשטיק געבליבן ליגן אויף דער גאַס אַ שטערבלעך פאַרוווּנדעטער. נאָך דעם ווי עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס שיסערײַ האָבן די ייִדן פון אַ נאָענטן בונקער, וווּ זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, אים אַרײַנגעטראָגן אין קעלער, אָבער דער דאָקטער האָט שוין גאָרנישט געקענט העלפן. אין זײַנע לעצטע ווערטער האָט קראַמשטיק אויפגעפאָדערט די לעבן געבליבענע פּלאַסטיקערס נישט צו פאַרגעסן די גרויזאַמע פאַרברעכנס פון די נאַציס און זיי גערופן אויסצונוצן זייער פּענדזל און דלאָטע אין קאַמף קעגן דער מעגלעכקייט, אַז אַזעלכע גרוילטאַטן זאָלן זיך נאָך ווען עס איז איבערחזרן.

זײַדעמאַן דאָראָטאַ האָט אָפּגעשטאַמט פון דעם הויך־קולטורעלן קרײַז פון וואַרשעווער אַרכיטעקטן. אין איר היים זענען אָפּט געקומען פּוילישע קינסטלערס, צווישן זיי דער באַרימטער מאָלער יוזעף פּאַנקיעוויטש. אַזוי אַרום איז דאָראָטאַ, געקומען אין קאָנטאַקט מיט פּלאַסטיקערס און אויך אַליין האָט זי אָנגעהויבן שאַפן בילדער וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע נאַטירלעכע, זאַפטיקע פאַרבן און מיט זייער אויסערגעוויינלעכער שפּיל פון ליכט און שאָטן. דער קינסטלערין געלונגט איבערצוטראָגן אויף לײַוונט דאָס פּולסירן פון לעבנסזאַפטן אין די פּלאַנצן און אַרויסברענגען די נאַטור־שיינקייט אויף אַ פאַרכאַפּנדיקן אופן. דערבײַ איז אינטערעסאַנט אַז זי האָט זיך שטרענג געהאַלטן אין די פּרינציפּן פון אַן אַרכיטעקטאָנישער קאָמפּאָזיציע־סטרוקטור.

דאָראָטאַ זײַדעמאַן האָט געהערט צו דער קינסטלערישער גרופּע „קאַפּיסטן” — אַ גרופּע מאָלערס וואָס האָט דאַן שטודירט אין פּאַריז, וווּ עס איז אויך געווען אַ פיליאַל פון דער פּוילישער קונסט־אַקאַדעמיע, אָנגעפירט פון י. פּאַנקיעוויטש. צו דער גרופּע האָבן געהערט די באַרימטע פּוילישע מאָלערס: וואַלישעווסקי, יאַן ציבים, אַרטור נאַכט, יאַצעק פּוגעט, האַננאַ רודזקאַ־ציבים. די אויסשטעלונג פון די ראָזיקע מאָלערס אין 1934 האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס. דאָראָטאַ זײַדעמאַן איז אין די קרײַזן פון די פּוילישע מאָלערס געווען זייער געליבט און געשעצט. זי האָט געהערט צו דער פאַרוואַלטונג פון „פאַרבאַנד פון פּוילישע קינסטלער־פּלאַסטיקערס” און האָט אָפּט אין געהיים אַרויסגעהאָלפן מאַטעריעל אירע קאָלעגן.

בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע אין קראָקע האָט פרוי זײַדעמאַן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער וווינונג פון האַננאַ רודזקאַ־ציבים, וועלכע האָט אויך באַוויזן צו באַקומען פאַר איר אַרישע פּאַפּירן. נישט לאַנג האָט אָבער פרוי זײַדעמאַן געקענט בלײַבן אין קראָקע, און נאָך דעם ווי מ'האָט זי עטלעכע מאָל שאַנטאַזשירט האָט זי פאַרלאָזט די שטאָט. מיט דער הילף פון פרוי רודזקאַ־ציבים איז זי אַוועק אין די בערג און האָט זיך באַזעצט אין דעם קליינעם יישוב ראַבקאַ, וווּ די געסטאַפּאָ האָט זי נישט באַלעסטיקט. פון איר איז אָבער געוואָר געוואָרן איר שוועסטערקינד, די מאָלערין מאַרילאַ ספּעט פון לעמבערג, וואָס איז אויך צוליב זיכערקייט אַרייבער קיין ראַבקאַ. מאַרילאַן האָט מען אָבער דאָרט געקענט און ווײַזט אויס אַז עמיץ האָט זי פאַרמסרט פאַר דער געסטאַפּאָ, צוליב וואָס מ'האָט שוין אויך אַרעסטירט די פרוי זײַדעמאַן. ווען פרוי ציבים איז דערפון געוואָר געוואָרען, האָט זי אײַליק אָרגאַניזירט אַ הילפאַקציע צווישן די פּוילישע קינסטלערס און איז צוזאַמען מיטן פּוילישן מאָלער אַדאַם ניערזשאַבעק אַוועק קיין נאָווי־טאַרג כדי אַרויסצורײַסן די זײַדעמאַן פון דער געסטאַפּאָס הענט. זיי זענען אָנגעקומען קיין נאָווי־טאַרג דעם זעלבן טאָג ווען ס'איז פאָרגעקומען אַן „אויסזידלונג”־אַקציע קעגן די דאָרטיקע ייִדן און מ'האָט זיי אינפאָרמירט אַז ביידע אַרעסטירטע קינסטלערינס זענען שוין אָפּגעפירט געוואָרן אין אויסראָטונגס־לאַגער.

דער גרעסטער טייל פון פרוי זײַדעמאַנס שאַפונגען זענען פאַרלוירן געגאַנגען, פּונקט ווי דאָס איז געשען כמעט בײַ אַלע קינסטלערס פון ייִדישן אָפּשטאַם. אויף דער אויסשטעלונג פון די ווערק פון די קינסטלערס וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין קראָקע נאָך דער באַפרײַונג פון דער שטאָט, האָבן זיך אויך געפונען איניקע בילדער פון פרוי זײַדעמאַן. אויך אין וואַרשעווער נאַציאָנאַלן מוזיי געפינען זיך איניקע פון אירע בילדער, וואָס זענען בײַ איר אָפּגעקויפט געוואָרן נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אברהם ניימאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1873 אין שיערפּצע (מאַזאָוויע). זײַן פאָטער איז געווען אַ פּלעניפּאָטענט בײַ אַ וואַלד־סוחר און דערפאַר איז אים אויסגעקומען די קינדעריאָרן צו פאַרברענגען אין די מאַזאָווישע וועלדער. דער פאָטער האָט דערנאָך געשיקט דאָס ייִנגל אין דער ישיבה, אָבער אברהמל האָט זיך מיט מער חשק פאַרנומען מיט צייכענען ווי מיט לערנען גמרא. אָפט איז עס געקומען צו קאָנפליקטן צווישן אים און דעם ראָש־ישיבה, ביז אברהם האָט פאַרלאָזט די ישיבה און איז אַוועק קיין וואַרשע. דאָרט האָט ער זיך אַ לאַנגע צײַט פאַרנומען מיט רעטושירן פאָטאָגראַפיעס און בלויז אין די פרײַע מינוטן האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט מאָלערײַ. ערשט בײַ די עטלעכע און צוואַנציק יאָר איז ניימאַנען געלונגען אַרײַנצוטרעטן אין דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע, וווּ ער האָט געלערנט בײַם באַרימטן פּוילישן פּייזאַזשיסט יאַן סטאַניסלאַווסקי.

ניימאַנס שאַפונג האָט אַרומגענומען בעיקר די פּוילישע לאַנדשאַפט אין איר גאַנצער פּראַכט און פאַרשידנאַרטיקייט. ניימאַן איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פּוילישע פּייזאַזשיסטן. ער האָט געמאָלט פאַרשידענע ווינקעלעך פון לאַנד, אָפט אַזעלכע וווּ מען האָט גאָרנישט געקענט צוקומען, אפילו נישט מיט קיין פערד און וואָגן. די זומערס פלעגט ער פאַרברענגען אין זאַקאָפּאַנע און דאָרט זיך באַגײַסטערט מיטן צויבער פון די פּוילישע טאַטרען. ער האָט געשאַפן רירנדיקע קליינע פּייזאַזשן פון זײַן באַליבטן קאַזשימיעזש בײַ דער ווײַסל (קוזמיר). אַן אַנדערס מאָל האָט ער געמאָלן דעם הערלעכן לאַזשיענקאָווסקי־פּאַרק אין וואַרשע. אָבער ניימאַן האָט נישט נאָר פאַראייביקט די שיינקייט פון דער פּוילישער לאַנדשאַפט, נאָר ער האָט אויך געוויזן די נויט פון די אָרעמע כאַטעס, וווּ די פּויערים לעבן אין די ערגסטע באַדינגונגען. ניימאַנס בילדער האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג נישט בלויז אין פּוילן, נאָר אויך אין אויסלאַנד. אין 1909 האָט ער געהאַט אַן אויסשטעלונג אין בערלין, וווּ די פּראָגרעסיווע פּרעסע פון יענער צײַט האָט שטאַרק געלויבט זײַנע שאַפונגען. דאָס קראָקעווער מוזעום האָט אײַנגעקויפט עטלעכע זײַנע בילדער.

אין די קאַשמאַרע צײַטן פון קראָקעווער געטאָ, ווּהין די היטלעריסטן האָבן אים פאַרטריבן בעת דער אָקופּאַציע, האָט ניימאַן זיך שטאַרק באַפרײַנדט מיטן באַרימטן פאָלקסדיכטער מרדכי געבירטיק. אין געטאָ האָט ניימאַן געשאַפן אַן אויפטרייסלענדיק בילד, וואָס שטעלט פאָר אים מיט געבירטיקן. אויך זײַן אויטאָפּאָרטרעט שפּיגלט אָפּ די טראַגיק פון די שרעקלעכע איבערלעבונגען...

דעם אַלטן קינסטלער האָבן די נאַציס דערמאָרדעט נאָך אַן „אַקציע", ווען דער זקן איז געבליבן הינטערשטעליק פון די אַנדערע ייִדן וואָס מ'האָט געטריבן צו די וואַגאָנען.

אברהם ניימאַן איז געווען גאַנץ פּאָפּולער צווישן די פּוילישע קינסטלערס און האָט אויך געהערט צו די נאָענטסטע פרײַנט פון סאַמועל הירשענבערג.

נאַטאַן קאָזשען איז געבוירן געוואָרן אין 1895 אין פּלאָצק. נאָך אַלס ייִנגל האָט ער מיט זײַנע צייכענונגען איבערגעשטיגן די מאָלערס פון זײַן היימשטאָט. גאַנץ יונג פאָרט ער אָפּ קיין ווארשע, ווּ ער שטודירט אין דער קונסט־אַקאַדעמיע אונטער דער אויפזיכט פון פּראָפעסאָר פּרושקאָווסקי, און ווערט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער מאָלער. זײַנע בילדער זענען שטאַרק רעאַליסטיש, כאָטש מ'האָט אים צוגערעכנט צו די נאָכאימפּרעסיאָניסטן („פּאָסטאימפּרעסיאָניסטן"). קאָזשען האָט געמאָלט פּאָרטרעטן און גלײַכצײַטיק אויך פּרעכטיקע לײַוונטן פון דער פּוילישער לאַנדשאַפט. ער האָט געהערט צו די ווייניקע יונגע מאָלערס, וועמענס ווערק עס זענען געוואָרן רעפּראָדוצירט סײַ פון די „וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקיע" און סײַ פון די „ליטעראַרישע בלעטער", ווײַל ער איז געווען נאָענט נישט נאָר די ייִדישע שרײַבערס נאָר אויך די פּוילישע. צווישן זײַנע פאַרשידענע שאַפונגען איז כדאי צו דערמאָנען דעם פּאָרטרעט פון גרויסן שרײַבער ווײַסענבערג, וואָס איז בײַ קאָזשענען אַרויסגעקומען פאַרגײַסטיקט און אויסגעאיידלט.

וועגן זײַן בילדער־אויסשטעלונג אין ווארשע, אין גאַרלינסקיס סאַלאָן, עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה, האָט געשריבן דער דיכטער בער האָראָוויץ, וואָס איז אַליין אויך געווען אַ פּעיִקער פּלאַסטיקער.

נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה אין סעפּטעמבער 1939 איז קאָזשען אַוועק קיין ווילנע, ווּ ער האָט געאַרבעט אין ייִדישן טעאַטער ווי אַ מאָלער־דעקאָראַטאָר. חוץ דעם האָט ער אין ווילנע געמאָלן פּאָרטרעטן און פּייזאַזשען. ווען היטלער איז איבערגעפאַלן דעם ראַטן־פאַרבאַנד האָט דער קינסטלער שוין נישט באַוויזן צו פאַרלאָזן די שטאָט און ער איז געווען צווישן די ערשטע קרבנות פון די נאַציס.

נאַטאַן קאָזשענס בילדער האָבן זיך נאָך פאַר דער מלחמה געפונען אין ווארשעווער נאַציאָנאַלן מוזעום און אייניקע פון זײַנע פּייזאַזשן האָט אויך אָפּגעקויפט נאָכן באַפרײַען דאָס לאַנד די ווארשעווער „ייִדישע געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן שיינע קונסט".

אַניעלאַ צוקיער, געבוירן דעם 1טן יאַנואַר 1910, איז געווען אַ מאָלערין און אַ גראַפיקערין. זי האָט שטודירט אין דער ווארשעווער קונסט־אַקאַדעמיע און איר הויפּטטעמע איז געווען די שיינקייט פון דער פּוילישער לאַנדשאַפט. זי האָט געהאַט אַ באַזונדערע פעיִקייט אויסצוגעפינען ווייניק־באַקאַנטע ווינקעלעך פון לאַנד, פאַרוואָרפענע ערגעץ ווײַט פון די באַנליניעס און שאָסייען, און אַרויסברענגען זייער פאַרכאַפּנדיקע שיינקייט. אירע בילדער — בלומען,ביימער, אַ קעלבל, צי גאָר אַ דאָרפישע הײַזקע — אַלץ איז אַרויסגעקומען אַזוי פריש און זאַפטיק, ווי עס וואָלט זיך כסדר געבאָדן אין אַ ים פון ליכט און לופט. זי האָט געקענט אירע בילדער אויסקריצן אין האָלץ און דערנאָך זיי צוגעבן פּרעכטיקע פאַרבן. נאָך גאָר יונג האָט די קינסטלערין באַוויזן צו דערגרייכן אַ הויכע טעכניק פון האָלצקריצערײַ, וואָס האָט איר דערמעגלעכט צו שאַפן אַ גאַנצע ריי פּרעכטיקע מאָטיוון, ווי דעם מאַרק אין קאַזשימיעזש־דאָלני מיט זײַנע פאַרשידנפאַרביקע שטיבלעך, דעם „באַרג פון די דרײַ צלמים", אַ ציקל פּייזאַזשן־האָלצשניטן פון מאָלערישע שטעטלעך ,ווי פּוצק, ווישניאָוויעץ, קרעמעניעץ (קזשעמיעניעץ) און אַנדערע. זי האָט אַרויסגעבראַכט די שיינקייט פון די ווארשעווער גאָרטנס, פון די לאַזשענקעס, אָדער דעם פּאָדערעווסקי־פּאַרק.

די יונגע קינסטלערין איז נישט פאַרבײַגעגאַנגען גלײַכגילטיק קיין שום געשעעניש פון טעגלעכן לעבן. זי ווײַזט אונדז די פאַרקויפערין פון אַ פּרוכטגעשטעל (סמראַגאַן), אָדער אַ גרינוואַרגהענדלערין, אַ שנײַדערין בײַ דער אַרבעט, און ענלעכע מאָטיוון. זי האָט אויך אויסגעמאָלט אין די פענצטער פון אַ קירך אַכט פּרעכטיקע וויטראַזשן (מאָלערײַ אויף פענצטערגלאָז), פון וועלכע איינער שטעלט פאָר דעם הייליקן פראַנציס. אַניעלאַ צוקיער האָט אויך געקענט שרײַבן אינטערעסאַנטע אַרטיקלען, ווי די וואָס זי האָט פאַרעפנטלעכט אין די יאָרן 1930—1931 אין דעם קינסטלערישן זשורנאַל „אַרקאַדי". די דאָזיקע ליטעראַרישע אַרבעטן האָבן געמוזט אַרויסרופן בײַם לייענער אַ ליבע צו דער נאַטור און פאַר די מאָלערס האָבן זיי געקענט דינען ווי אַן אָנרעגונג אַרויסצוברענגען מיטן פּענדזל יענע מאָלערישע ווינקעלעך פון לאַנד, וואָס זענען גאָרנישט פאַרצייכנט אויף דער מאַפּע. אין 1933 האָט די קינסטלערין געהאַט אַן אויסשטעלונג פון אירע שאַפונגען, צוזאַמען מיט די אַרבעטן פון דער סקולפּטאָרין יוליאַ קייל אין „איפּס" (אינסטיטוט פון פּראָפּאַגאַנדירן קונסט"). ביידע יונגע לעבנס זענען פאַרשניטן געוואָרן דורך די דײַטשע תלינים.

יוליאַ קייל איז געבוירן דעם 16טן פעברואַר 1902. אירע סקולפּטורן כאַראַקטעריזירט אַ מאָנומענטאַלע רויִקייט און באַהערשטקייט. די קינסטלערין גופא איז געווען פול מיט לעבן און ענערגיע. אירע אַרבעטן זענען געווען ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון איר איבערפולטער ענערגיע. זי האָט נישט ליב געהאַט צו קלעבן פון ליים און האָט פאָרמירט אירע געשטאַלטן אין האָלץ אָדער מאַרמאָר, מעש און קופּער. די געשטאַלטן זענען בײַ איר אַרויסגעקומען מילד און סובטעל, מיט שטריכן וואָס האָבן זיי געוויזן אין זייער אינטימיטעט. אַזוי איז למשל די שיינע האָלצשניט־פיגור פון פּוילישן דיכטער און מאָלער ציפּריאַן נאָרוויד. פון אַן אָנפאָרמיקן קלאָץ האָט די קינסטלערין אַרויסגעכישופט די וויזיע פון פלאַמיקן פערזןמײַסטער אין זײַן גאַנצער גרייס און נאָבלקייט. אַזוי האָט מסתמא אויסגעזען בײַם לעבן דער באַגײַסטערטער נאָרוויד. אַ צווייטע סקולפּטור פון פרוי קייל, אויך אַ האָלצשניט (פון אַ באַרענבוים) שטעלט פאָר אין דער נאַטירלעכער גרייס די געשטאַלט פון דער ווארשעווער דראַמאַטישער קינסטלערין באַרטשעווסקאַ. די פרויען־פיגור אָטעמט מיט קלאַסישער רו. דער קערפּער פון דער אַקטריסע איז אײַנגעהילט אין אַ פּראָסט, לויז קלייד, וואָס שטרײַכט אונטער די ריטמישע האַרמאָניע און די שיינקייט פון דער געשטאַלט.

יוליאַ קיין האָט אין 1924 אויסגעשטעלט אין דער „ייִדישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט" דרײַ סקולפּטורן, פון יועלכע זי האָט איינע אָנגערופן „אונטערן דרוק פון טרויער". פון דאַן אָן האָט פרוי קייל געהאַט אָפטע אויסשטעלונגען אויך אין דער „זאַכענטאַ" און אין „איפּס". אין 1938 האָט זי בשותפות מיט דער

גראפיקערין אַניעלאַ צוקיער אויסגעשטעלט אין ווארשע אין דעם זעלבן „איפּס" אירע אַרבעטן וואָס האָבן אַרויסגערופן גרויס אינטערעס. צווישן די עקספּאָנאַטן זענען געווען אויסגעקאָוועטע מיט דער האַנט מעטאַלענע קונסטזאַכן, ווי בעכערס, טאַצן און אַנדערע זאַכן פון טעגלעכן געברויך. ס'זענען אויך דאָרט געווען דרײַ גרויסע לאָמפּן וואָס האָבן זיך פריִער געפונען אין פּוילישן פּאַוויליאָן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג אין פּאַריז. אויך זיי האָט די קינסטלערין אייגנהענטיק אויסגעשמידט.

אין סעפּטעמבער 1939 איז יוליאַ קייל אַוועק קיין לעמבערג, וווּ זי האָט אײַנגעאָרדנט אַ ווארשטאַט פאַר יונגע סקולפּטאָרן. אין יוני 1941, נאָכן היטלעריסטישן אָנגריף אויפן ראַטן־פאַרבאַנד, איז דער קינסטלערין שוין נישט געלונגען זיך צו ראַטעווען ערגעץ ווײַטער אויף מזרח. זי האָט זיך דעריבער אומגעקערט קיין ווארשע, וווּ זי האָט זיך באַזעצט אויף דער אַרישער זײַט. איר פאָטער און שוועסטער האָבן זיך אויך אײַנגעאָרדנט אויסער דעם געטאָ, וווּ זי האָט זיי אָפט באַזוכט. איין מאָל, ווען זי האָט פאַרן פאָטער געטראָגן לעבנס־מיטלען, איז זי געוואָרן דערקענט פון געסטאַפּאָ־לײַט וואָס האָבן זי אַוועקגעפירט אויף אַלייע שוכאַ *) און מער האָט מען זי שוין נישט געזען.

פעליקס רובינליכט, אַ באַקאַנטער סקולפּטאָר, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געמאַכט קינסטלערישע מצבות, איז אויך אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע. ער איז געווען דער שעפער פון דער מצבה פון דער באַרימטער אַקטריסע אסתר רחל קאַמינסקאַ, וועמעס קבר געפינט זיך אויפן ווארשעווער בית־עולם בײַ אָקאָפּאָווע־גאַס.

פײַנגעווירץ נאַטאַן און אירענע. ביידע זענען זיי געווען אַרכיטעקטן, מאָלערס און סקולפּטאָרן און האָבן אויסגעשטעלט זייערע אַרבעטן אונטערן נאָמען „ריינער". נאַטאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1901 אין ווארשע און אויך זײַן פרוי איז געווען אַ ווארשעווערין. אירענע האָט געענדיקט פּאַפּראָצקיס גימנאַזיע און איז דערנאָך דאָרט געבליבן אַרבעטן אַלס לערערין. ביידע האָבן געענדיקט די ווארשעווער קונסט־אַקאַדעמיע און זיך דער עיקר פאַרנומען מיט דער אינערלעכער אויסשטאַטונג פון די הײַזער, מיטן אויסמעבלירן און קינסטלערישער אײַנאָרדענונג פון די וווינונגען. אויף איינער פון זייערע בשותּפותדיקע אויסשטעלונגען האָט מען געזען אַ צימער וווּ אַלע זאַכן זענען געווען דורך זיי פּראָיעקטירט און אויך אייגנהענטיק אויסגעפירט, סײַ די ייִדישע, סײַ די פּוילישע פּרעסע האָט שטאַרק געלויבט זייערע קינסטלערישע אַרבעטן און זייער גוטן געשמאַק בײַם דעקאָרירן און אײַנשטעלן די שטובזאַכן.

ביידע זענען אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע.

ישראל טיקאָטשינסקי איז געבוירן געוואָרן אין ראַדזין אין יאָר 1859. גאַנץ יונג איז ער אָנגעקומען קיין ווארשע, וווּ ער האָט שטודירט אין דער שול פון שיינער קונסט. גלײַכצײַטיק האָט ער אָבער אויך געמוזט אַרבעטן כדי צו פאַרדינען אויף זײַן אויסקום. טיקאָטשינסקי איז געווען מאָלער און גראַפיקער און זײַנע איז געווען די אָריגינעלע אילוסטראַציע צו דער אַרויסגעגעבענער ביבלישער לעגענדע באַקאַנט אונטערן נאָמען „מגילת אסתר". טיקאָטשינסקי האָט ווינציק אויסגעשטעלט זײַנע אַרבעטן, אָבער דערפאַר האָט מען וועגן אים אָפט געשריבן אין די „ליטעראַרישע בלעטער" און אין אַנדערע צײַטשריפטן. אין די לעצטע יאָרן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען סעקרעטאַר פון דער „ייִדישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט" און ער האָט אָרגאַניזירט די אויסשטעלונג פון די ייִדישע קינסטלערס.

ער איז אומגעקומען אין דער צײַט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

ריש‍אַרד מאָשקאָווסקי איז געבוירן געוואָרן אין ליעזש, בעלגיע, בײַ אַן אינטעליגענטער פּויליש־ייִדישער עמיגראַנטן־משפּחה. אין דער יוגנט האָט ער אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו פּלאַסטיק, מוזיק און אויך ליטעראַטור. די פּלאַסטישע קונסט האָט ער שטודירט אין פראַנקרײַך, בײַם באַרימטן סקולפּטאָר אַריסטיד מאַיאָל, און אַרכיטעקטור — בײַם פּוילישן מאָלער און אַרכיטעקט סטאַניסלאַוו נאָוואַקאָווסקי, וועמען ער האָט שפּעטער געווידמעט אַ ספּעציעלע מאָנאָגראַפיע.

מאָשקאָווסקי איז אָפּגעפאָרן קיין פּוילן און האָט זיך באַזעצט אין ווארשע. זײַן טאָפּלטער באַרוף פון אַרכיטעקט און סקולפּטאָר האָט אים געשטויסן צו נײַע און ברייטע האָריזאָנטן, אָבער אין סאַנאַציע־פּוילן האָט ער נישט געקענט אויסלאָדן זײַנע שעפערישע כוחות, בפרט ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן זײַנע דרייסטע, נײַצײַטיקע פּלענער אויפן געביט פון אַרכיטעקטור. אין לאַנד וווּ ס'האָט געבושעוועט ראַסן־שנאה האָט נישט געקענט געפינען קיין גינסטיק אַרבעטפעלד אַ ייִדישער פּראָגרעסיווער אַרכיטעקט. דערפאַר האָט מאָשקאָווסקי זיך טאַקע אָפּגעגעבן מייסטנס מיט סקולפּטור. ער האָט געשאַפן אַ ריי עקספּרעסיוו־הומאַניסטישע פיגורן פון מענטשלעכע געשטאַלטן (דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין ווארשע באַזיצט 14 אַזעלכע בראָנדזסקולפּטורן). מאָשקאָווסקי האָט געחלומט וועגן דער מעגלעכקייט צו פאַראייניקן די אַרכיטעקטור מיט דער סקולפּטור — אַ זאַך וואָס אין איצטיקן פאָלקספּוילן ווערט עס מיט אַ גרויסן פאַרנעם רעאַליזירט.

ריש‍אַרד מאָשקאָווסקי האָט אין 1931 אויסגעשטעלט אין פּאַריזער האַרבסטסאַלאָן אַן אינטערעסאַנטן מאָדעל פון אַ טעאַטער פאַר דער שטאָט כאַרקאָוו, וואָס ער האָט אויסגעאַרבעט צוזאַמען מיט י. וויליאַמס פון עדימבורג, ענגלאַנד. דער פּראָיעקט האָט טאַקע געוווּנען אַ פּרעמיע.

מאָשקאָווסקי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זײַן פרוי, רוזשאַ עטקין — אַ באַקאַנטע פּיאַניסטין — אין איינעם פון די בונקערס בעתן ווארשעווער אויפשטאַנד.

---

צוויי באַקאַנטע ייִדישע קינסטלערס זענען אַרויס בשלום פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, זיי זענען אָבער צוליב זייערע שווערע איבערלעבונגען געשטאָרבן קורץ נאָך דער באַפרײַונג. דאָס זענען: הענריק קונאַ און מאַגדאַלענאַ גראָס.

הענריק קונאַ איז געבוירן געוואָרן דעם 13טן נאָוועמבער 1883 אין טשעכאַנאָוו, בײַ ווארשע. אין זײַנע יונגע יאָרן האָט ער געלערנט אין דער ישיבה בײַם אָסטראָווצער רב און דערנאָך באַקומען היתר־הוראה. דער יונגער הערש איז אָבער נישט געוואָרן קיין רב, ווײַל זײַן חלום איז גאָר געווען צו ווערן אַ סקולפּטאָר. אין געהיים האָט ער געשאַפן סקולפּטורן פון די ביבלישע געשטאַלטן און דער איינציקער וועמען ער האָט פאַרטרויט דעם סוד איז געווען אַ געוויסער טשעכאַנאָווער דאָקטער. אינטערעסאַנט, אַז קונאַ איז געווען דער צווייטער גרויסער סקולפּטאָר וואָס דאָס שטעטל האָט אַרויסגעגעבן. דער ערשטער איז געווען דער זון פון אַ פּשוטן פּויער: באָלעסלאַוו ביעגאַס. אויך דעם טאַלאַנט פון פּויערישן ייִנגל האָט

*) וווּ עס האָט זיך געפונען די געסטאַפּאָ.

אנטדעקט דער זעלבער טשעכאַנאָווער דאָקטער און אַ דאַנק אים האָט ביעגאַס געקענט אַנטוויקלען זײַנע גרויסע פעיִקייטן און איז שפּעטער געוואָרן אַ באַרימטער סקולפּטאָר. ווען ביעגאַס איז אַ מאָל געקומען צו גאַסט פון פּאַריז אין זײַן היימשטעטל, האָט אים דער דאָקטער באַקאַנט מיטן נײַעם טשעכאַנאָווער טאַלאַנט, און ווען ביעגאַס האָט געזען די אַרבעט פון קונאַן, האָט ער באַשלאָסן אים צו דערמעגלעכן דאָס שטודיום. אַ דאַנק ביעגאַסעס באַמיִונגען האָט מען דעם יונגען חסיד אָנגענומען אין דער קראָקעווער קונסט־אקאַדעמיע, וווּ ער איז געוואָרן אַ תלמיד פון פּראָפעסאָר קאָנסטאַנטי לאַשטשענקאָ. קונאַ איז אין קראָקע געוואָרן אַן אָפטער באַזוכער בײַם באַרימטן מאָלער סאַמועל הירשענבערג און האָט אין דער אקאַדעמיע זיך געחברט מיט דעם ייִנגערן ברודער פון מאַוריצי גאָטליב — לעאָפּאָלד, מיט יעזשי מערקעל און מיט דעם יונגן סקולפּטאָר הענריק האָכמאַן. קונאַ האָט זיך שוין דאַן באַפרײַט פונעם גמרא־פּלפּול און איז וואָס אַ מאָל מער געוואָרן דורכגעדרונגען מיטן גײַסט פון דער גריכישער פילאָסאָפיע און קונסט. דאָס איז אויך געווען אַנטשיידנדיק פאַר זײַן ווײַטערדיקן שאַפונגסוועג.

פאַר קונאַן איז געווען באַזונדער כאַראַקטעריסטיש זײַן שאַרפע אָבסערוואַציע־פעיִקייט, זײַן דינאַמישער טאַלאַנט. ס'קעמפט אין אים די לאָגיק פון אַ שטאַרקן אינטעלעקט און די לײַדנשאַפט פון אַ קינסטלער און אַ מאָל נעמט די איבערהאַנט דאָס ערשטע און אַ מאָל דאָס צווייטע. אָט ווערט ער פאַרכאַפּט פון די קלאַסיקערס פון דער פּוילישער ליטעראַטור און נעמט זיך מיט אַזאַ ברען צו זייערע שאַפונגען, אַז אין גיכן קען ער גאַנצע פּאָעמעס אויסנווייניק. אונטערן אײַנדרוק פון קראַשינסקיס „אורידיאָן" שאַפט קונאַ אין 1909 אַ סקולפּטור וואָס טראָגט דעם זעלבן נאָמען. אין 1911 באַקומט ער אַ סטיפּענדיע און פאָרט אויף ווײַטערדיקע שטודיומס קיין פּאַריז. כדי צו באַקענען זיך מיט דער טעכניק פון אויסהאַקן אין מאַרמאָר, אַרבעט ער ווי אַ געזעל בײַ אַ שטיינהאַקער 8—10 שעה אין טאָג און אין דער פרײַער צײַט שטודירט ער אַלטערטימלעכע סקולפּטורן וואָס געפינען זיך אין לווור און אַנדערע פּאַריזער מוזייען. שוין אין ערשטן יאָר שטעלט קונאַ אויס אין פּאַריזער „האַרבסטסאַלאָן" אַן אַרבעט וואָס ער פאַרצייכנט מיטן נאָמען „אַ קאָפּ פון אַ מיידל". אַ שפּעטערדיקע סקולפּטור, „דער באַגינען", באַזירט זיך שוין אין גאַנצן אויף דער גריכישער קלאַסישער קונסט. דאָס ווערק שטעלט פאָר אַ פרויען־פיגור, אויסגעהאַקט פון ראָזעווען מאַרמאָר, וואָס הייבט זיך אַרויס פון אַ שטיינערנעם בלאָק. קונאַ האָט נישט אָנערקענט ראָדענען ווי אַן אייגנאַרטיקן קינסטלער און אים גיכער באַטראַכט ווי אַ סקולפּטאָר פון באַראָקסטיל. קונאַ אַליין איז אַ סך נענטער געשטאַנען צו דער סקולפּטורקונסט פון מאַיאָל און דעספּיאָ.

קורץ פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך קונאַ אומגעקערט קיין פּוילן. פון די אַרבעטן וואָס ער האָט דאָרט געשאַפן צייכנט זיך אויס די פּאָרטרעטן־סקולפּטור פון פּראָפעסאָר זשיעלינסקי, וווּ ס'קומט אַרויס בולט די קראַפט און אייגנאַרטיקייט פון קונאַס טאַלאַנט. ער האָט געמאַכט אַ סך אַנדערע פּאָרטרעטן־סקולפּטורן אין וועלכער ער ברענגט אַרויס אויסגעצייכנטע טיפּן פון דער פּוילישער פאַרמלחמהדיקער אינטעליגענץ, אַ פאַרשפּאַרטער אין די אייגענע ד' אמות, און וואָס שעפּט אויסשליסלעך איר גײַסטיקע יניקה אין דעם אויספאַנטאַזירטן אידעאַל פון דער אייגענער פּערפעקטקייט.

אין 1922 האָט קונאַ, צוזאַמען מיטן באַרימטן מאָלער און אַרכיטעקט סטאַניסלאַוו נאָוואַקאָווסקי, אויסגעשטעלט זײַנע סקולפּטורן אין לאָנדאָן. די ענגלישע פּרעסע איז געווען אַנטציקט פון קונאַס טיפער קינסטלערישער קולטור און האָט אָנגעוויזן אַז זײַנע סקולפּטורן באַזיצן נײַע עלעמענטן, וואָס מ'האָט נאָך ביז איצט נישט אָנגעטראָפן.

אין פּוילישן פּאַוויליאָן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג אין פּאַריז אין 1927 האָט זיך געפונען קונאַס סקולפּטור „ריטם", פאַר וועלכער דער קינסטלער האָט באַקומען דעם „גרויסן פּריז". קונאַ האָט אויך געהאַט אַ באַזונדערע אויסשטעלונג פון זײַנע ווערק וועגן וועלכע ס'איז אין די קינסטלערישע קרײַזן פון פּאַריז אַ סך דיסקוטירט געוואָרן. איין אַרבעט זײַנע האָט אָפּגעקויפט די פראַנצויזישע רעגירונג פאַר די קונסטזאַמלונגען פון דער לוקסעמבורג־גאַלעריע.

הענריק קונאַס גרעסטע שאַפונג איז געווען דער מאָנומענטאַלער דענקמאָל פון אַדאַם מיצקעוויטש פאַר דער שטאָט ווילנע. אין דעמאָלטיקן גרויסן קאָנקורס, וווּ ס'האָבן זיך באַטייליקט די בעסטע פּוילישע סקולפּטאָרן, ווי קסאַווערי דוניקאָווסקי און אַ. וויטינג, האָט קונאַס פּראָיעקט באַקומען די ערשטע פּרעמיע. ס'איז קונאַן איבערגעגעבן געוואָרן די אויספירונג פון פּראָיעקט און ער האָט מיט אייפער געאַרבעט איבערן דענקמאָל צען יאָר. לויטן פּלאַן האָט מיצקעוויטשעס געשטאַלט געדאַרפט זײַן פון זעקס מעטער די הייך און זיך געפונען אויף אַ פּיעדעסטאַל פון צען מעטער. די פירעקיקע ווענט פון דעם פּיעדעסטאַל האָבן געדאַרפט באַרעליעפן וואָס זאָלן פאָרשטעלן סצענעס פון מיצקעוויטשעס ווערק „דזשיאַדי". נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען האָט שוין קונאַ געהאַלטן כמעט בײַם פאַרענדיקן דעם דענקמאָל, אָבער דורך דער צייט האָט זיך געביטן אין פּוילן די פּאָליטישע קאָניוקטור. די „סאַנאַציע" האָט וואָס אַ מאָל מער איבערגענומען פון דעם מערבדיקן שכן די היטלעריסטיש־פאַשיסטישע מעטאָרן און שוין ווינציק וואָס געהאַט אין זינען דעם דענקמאָל. ס'האָט כלומרשט געהייסן אַז מ'קען אין ווילנע נישט געפינען פאַר אים קיין פּאַסיקן פּלאַץ... דער סוף איז געווען אַז מ'האָט אַזוי לאַנג דערמיט אָפּגעשלעפּט ביז עס איז געקומען די קאָשמאַרע נאַצישע אָקופּאַציע. קונאַ האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן הינטער וואַרשע, אין דער וווינונג פון פּוילישן שרײַבער יאַן פּאַראַנדאָווסקי — דעם פּרעזעס פון פּוילישן פּענקלוב. ס'האָבן באַזוכט קונאַן אַ סך פּוילישע מאָלערס און סקולפּטאָרן און אים געבראַכט ביכער און מאַטעריאַלן. אַזוי אַרום האָט ער געקענט דורכלעבן די אָקופּאַציע־צײַט, אָבער זײַן זון האָבן די דײַטשן דערמאָרדעט.

הענריק קונאַ, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געגעבן לעקציעס אין ווילנער אוניווערסיטעט, האָט נאָך דער באַפרײַונג פון לאַנד באַנײַט זײַנע קאָנפערענצן אין אוניווערסיטעט פון טאָרון (וואָס איז טאַקע איבערגעפירט געוואָרן פון ווילנע), אָבער ער איז שוין געווען צו פיל אָפּגעשוואַכט פון די שווערע איבערלעבונגען, אַז ער זאָל לאַנג קאָנען פאָרזעצן זײַן אַרבעט. דעם 17טן נאָוועמבער 1945 האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס לעבן פון דעם פילגעליטענעם גרויסן קינסטלער. די שטאַרביקע רעשטן פון פּראָפעסאָר קונאַ זענען אין 1951 איבערגעפירט געוואָרן פון טאָרון קיין וואַרשע, וווּ זיי זענען באַערדיקט געוואָרן אין דער „אַלעע פון די פאַרדינסטפולע", אויפן מיליטערישן צמענטער פון פּאָוואָנזעק.

אין די צען יאָר פאַר דער צווייטער מלחמה האָבן קונאַס סקולפּטורן פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אויף אַלע אויסלענדישע אויסשטעלונגען וואָס האָבן רעפּרעזענטירט די פּוילישע קונסט. דעריבער האָט מען קונאַס ווערק געקענט זען אין לאָנדאָן, פּאַריז, ווע־

נעציע, שטאָקהאָלם, קאָפּענהאַגען, העלסינקי. אַ באַזונדער שטאַרקן
אײַנדרוק האָבן קונאַס סקולפּטורן געמאַכט אויף דער אויסשטעלונג
אין מאָסקווע.

הענריק קונאַ איז געווען לאַנגיאָריקער פּרעזידענט פון דער
קינסטלערישער גרופּירונג „ריטם", צו וועלכער עס געהערט נאָך
דער מלחמה די בעסטע פּוילישע מאָלערס. קונאַ איז אומעטום גע־
ווען אַקטיוו און באַזונדערס איז ער געווען באַליבט בײַ די יונגע
שטודירנדיקע סקולפּטאָרן. פאַר אַ סך פון זיי האָט ער זיך געזאָרגט
ווי אַן אייגענער פאָטער און אונטער זײַן אַפּוטרופּסות האָבן זיך
געפונען די נאָך דאַן יונגע און שפּעטער באַרימטע קינסטלערס
חיים האַנפט, דוויד פּעפער און אברהם אָסטשעגאַ. אַ דאַנק זײַן
הילף האָט די אַרבעטערין געלע סעקשטיין (וועגן וועלכע מיר האָבן
שוין געשריבן) געקענט שטודירן מאָלערײַ.

קונאַ האָט געשאַפן אַ רײ פּאָרטרעטן פון ווארשעווער ייִדישע
פּערזענלעכקייטן, ווי למשל פּראָפעסאָר הענריק נוסבאַום, און אויפן
ייִדישן בית־עולם אין ווארשע קען מען אויך זען מצבות וואָס ער
האָט געמאַכט. איינער פון די שענסטע דענקמעלער איז דער משפּ־
חה־קבר פון די קירשראָטס.

מאַגדאַלענאַ גראָס איז געבוירן געוואָרן אין ווארשע אין יאָר
1899. זי האָט געהערט צו די סקולפּטאָרן־פאָרמאַליסטן וואָס האָבן
כסדר עקספּערימענטירט. אַלס טעמע פאַר אירע סקולפּטורן האָבן
אָפט געדינט חיות, בפרט עקזאָטישע. זי האָט זיי פאַרגעשטעלט
מייסטנס אין אַ דעפאָרמירטער געשטאַלט, אָנגעבנדיק זיי קאָנטיקע
פאָרמען, וואָס האָט די חיות געמאַכט גאַנץ ענלעך צו קינדערשפּי־
לעכלעך.

מאַקדאַלענאַ גראָס האָט שטודירט בײַ די באַרימטע ווארשע־
ווער פּראָפעסאָרן טאַדעוש ברייער און הענריק קונאַ. בעת זי האָט
געלערנט אין פּוילן האָט זי זיך פאַראייגנט די פּרינציפּן פון ריינער
סקולפּטור, אָבער דאָס האָט זי נישט באַפרידיקט. זי איז אָפּגעפאָרן
קיין פלאָרענץ און אַרונטערפאַלנדיק דאָרט אונטערן אײַנפלוס פון
די פלאָרענטינער סקולפּטאָרן, איז זי אַוועק פון די פּרינציפּן פון
רעאַליזם. ס'זענען באַקאַנט פון די אויסשטעלונגען אירע סקולפּ־
טורן וואָס האָבן פאָרגעשטעלט יאַפּאַנישע גענדז, אַ העלפאַנט, אַ
זשרעבאַק, אַ גאַזעל. אין די אַרבעטן האָט מען געקענט מערקן דעם
אײַנפלוס פון זשאַק ליפּשיץ, וועלכער איז דערגאַנגען צו ווירטו־
אָזיטעט אין זײַן צעגלידערן און אַטאָמיזירן מענטשלעכע געשטאַל־
טן. אין אירע ראַפינירטע נאַטוראַליסטישע אַרבעטן איז פרוי גראָס
ענלעך געווען צו דער מאָלערין מאַרי לאַראַנסין מיט אירע היפּער־
עסטעטישע שאַפונגען און וואָס שייך דער סקולפּטור האָט זי דער־
מאָנט די ווערק פון רענע סינטעניס.

די סקולפּטורן פון מאַגדאַלענאַ גראָס האָבן געהאַט גרויס דער־
פאָלג אין סאַנאַציע־פּוילן אין די שמאָטישע רײַכע קרײַזן. אירע
אַרבעטן זענען אָפט געוואָרן פּרעמירט סײַ אויף די פאָרמאַליס־
טישע אויסשטעלונגען אין לאַנד, סײַ אין אויסלאַנד. אַ טייל פון
אירע סקולפּטורן זענען געוואָרן אָפּגעקויפט פאַר די פּוילישע איי
אויך פאַר די אויסלענדישע קונסט־גאַלעריעס. אויך דאָס ווארשע־
ווער נאַציאָנאַלע מוזעום באַזיצט סקולפּטורן פון דער דאָזיקער
קינסטלערין. אייניקע פון זיי, וואָס שטעלן פאָר חיות, באַצירן איצט
די ווארשעווער פּאַרקן.

מאַגדאַלענאַ גראָס האָט איבערגעלעבט די אָקופּאַציע, אָבער
די געליטענע אויפטרייסלונגען פאַר דער גאַנצער צײַט האָבן גורם
געווען אַ לאַנגע קרענק, פון וועלכער זי איז געשטאָרבן אין 1948.

זאָל נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז מאַגדאַלענאַ גראָס האָט אויך
געשאַפן זאַכן וואָס האָבן געהאַט אַ בולטן רעאַליסטישן כאַראַק־
טער, ווי למשל דער בראַנדזענער סקולפּטור־פּאָרטרעט פון אַ רו־
סישער אַקטריסע, וואָס איז איצט דאָס אייגנטום פון ייִדישן היס־
טאָרישן אינסטיטוט אין ווארשע.

---

מיר וועלן איצט דערמאָנען די פּלאַסטיקערס וואָס זענען בעת
דער צווייטער וועלט־מלחמה אַרײַנגעטרעטן אין דער פּוילישער אָדער
רויטער אַרמיי און אויך די וואָס האָבן געקעמפט קעגן היטלעריס־
טישן אָקופּאַנט אין די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען אָדער אין דער
אונטערערד. מיר ווילן אויך צום שבח דערמאָנען די פּוילישע
קינסטלערס אָדער אַנדערע בירגערס וואָס האָבן געהאָלפן אין יענע
שווערע צײַטן די ייִדישע קינסטלערס און נישט איין מאָל אײַנגע־
שטעלט זייער לעבן בײַם ראַטעווען זייערע ייִדישע קאָלעגן.

די פּלאַסטיקערס, וועלכע ס'איז געלונגען אַריבערצוקריגן זיך
קיין ראַטן־פאַרבאַנד, האָבן כמעט אַלע איבערגעלעבט די אָקופּאַ־
ציע־צײַט. צווישן אַנדערע האָט זיך געראַטעוועט אין ראַטן־פאַר־
באַנד דער שעפער פון דענקמאָל פאַר די אויפשטענדלערס פון וואַר־
שעווער געטאָ, נתן ראַפּאָפּאָרט. ער האָט צו ערשט געלעבט אין
מינסק און איז דערנאָך אַריבער קיין מאָסקווע. ער האָט דאָרט גע־
שאַפן אַ רײ סקולפּטורן און צו לעצט פאַרטראַכט דעם פּראָיעקט
פאַרן מאָנומענטאַלן געטאָ־דענקמאָל. ס'האָט זיך אויך דאָרט גע־
ראַטעוועט אַ צווייטער באַקאַנטער סקולפּטאָר, חיים האַנפט, וועל־
כער האָט זיך דערנאָך אומגעקערט קיין פּוילן.

פון די ייִדישע פּלאַסטיקערס וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט
אין די געטאָקאַמפן דאַרף באַזונדער אַרויסגעהויבן ווערן פּסח נואַ־
לער, איינער פון די קאַמפס־אָנפירער אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

ווען מאַלער האָט נאָך געלערנט אין דער גימנאַזיע האָט מען
אים פון דאָרט באַזײַטיקט צוליב זײַנע פּאָליטישע איבערצײַגונגען.
ער איז אַוועק קיין פּאַריז שטודירן דעקאָראַטיווע מאָלערײַ און ווען
ער האָט זיך דערנאָך אומגעקערט קיין ווארשע האָט ער זיך אַקטיוו
באַטייליקט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין ביאַליסטאָקער געטאָ
האָט ער אָרגאַניזירט די פּאַרטיזאַנער וואָס זענען אַרויס קעמפן אין
די וועלדער. עטלעכע טעג פאַרן אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער
געטאָ האָט ער זיך אַהין אומגעקערט כדי זיך צו באַראַטן מיט די
חברים פון געטאָ. ער איז שוין דאָרט פאַרבליבן, האָט אָנגעפירט
מיטן קאַמף און איז אומגעקומען. צוזאַמען מיט מאַלערן האָט זיך
געפונען אין די פּאַרטיזאַנער־רייען אברהם סקורניק, אַ געוועזענער
שילער פון דער ווארשעווער קונסט־אַקאַדעמיע. ער האָט שטודירט
בײַ פּראָפעסאָר קאָוואַרסקי — מחבר פון דעם מאָנומענטאַל בילד
„די פּראָלעטאַריאַטשיקעס" (מיטגלידער פון דער רעוואָלוציאָנערער
אָרגאַניזאַציע „פּראָלעטאַריאַט"). אויפן וועג צום וואַלד האָבן אים
די געסטאַפּאָ־לײַט געכאַפּט און פאַרפּייניקט אויף טויט.

דער מאָלער יאַנוש טרעפּלער איז אין סעפּטעמבער 1939
אַוועקגעפאָרן פון ווארשע קיין לעמבערג. ער איז געווען אין דער
מאָלערײַ אַ ראָמאַנטיקער און דערצו מיט אַ סך קולטור. אין די
לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אָנ־
געשטעלט אַלס קונסט־אויפזעער אין מוזעום אויפן נאָמען פון בער־
סאָנען אין ווארשע און זײַן אויפגאַבע איז אויך געווען צו רעאָר־
גאַניזירן דאָס מוזעום. אין לעמבערג האָט טרעפּלער אַ סך געאַר־
בעט. ער האָט געמאַכט פּאָרטרעטן פאַר אינסטיטוציעס און מ'האָט
אים אָנערקענט פאַר אַ גרויסן מאָלער. אין יוני 1941 האָט ער שוין

נישט באוויזן צו אנטלויפן ווײַטער אויף מזרח און האט באשלאסן אומצוקערן זיך קיין ווארשע. דארט האט ער זיך באוויזן אויסצובאהאלטן אויף זשאליבאזש, אין דער וווינונג פון א פוילישן געלערנטן. אין דער צײַט פון ווידערשטאנד האט טרעפלער זיך אקטיוו באטייליקט אין דער באוועגונג און איז אומגעקומען מיט געווער אין האנט, אין קאמף קעגן די נאצישע מערדערם.

---

ווי מיר האבן שוין דערמאנט האבן די מיינסטע יידישע פלאסטיקערס וואס האבן זיך געראטעוועט בעת דער דײַטשער אקופאציע, צו פארדאנקען זייער רעטונג זייערע קריסטלעכע קאלעגן. אזוי האט דער קינסטלער יאנוש סטשעלעצקי, ווען ער איז געוואר געווארן אז זײַן חבר ארטור נאכט געפינט זיך אין יאנאווער לאגער בײַ לעמבערג, געטאן אלץ וואס עס איז מעגלעך געווען ארויסצוראטעווען אים פון טויט. מיט איינעם פון זײַנע קאלעגן איז ער פון ווארשע אפגעפארן קיין לעמבערג און נישט אפשטעלנדיק זיך פאר קיין שום שוועריקייטן האט ער צו לעצט באוויזן ארויסצורײַסן נאכטן פון לאגער. ארטור נאכט האט באקומען ארישע פאפירן און געקענט מיט זײַנע קאלעגן זיך אומקערן קיין ווארשע. אויך נאכטס שוועסמער און פאטער האבן זיך געפונען אין זעלבן לאגער און צוליב זיי איז געקומען פון ווארשע די פרוי פון באוווסטן ווארשעווער מאלער וואנסאוויטש און ס׳איז אויך זיי געלונגען ארויסצוראטעווען.

צו דער אונטערערדישער ארגאניזאציע צו הילף די יידן האבן געהערט די פרויען פון צוויי באקאנטע פוילישע קינסטלערס: די שוין דערמאנטע וואנסאוויטש און יוזעפא וונוק. צו זיי קומט נאך צו וואנדא וואלישעווסקא. די דאזיקע פרויען האבן נישט נאר געפונען באהעלטענישן פאר די יידישע קינסטלערס, נאר אויך געגעבן הילף זייערע משפחות. א דאנק זיי זענען געראטעוועט געווארן קאראל פערסטער און הענריק סטרענג. דער קינסטלער אווגעניוש ארצט האט געראטעוועט די יידישע מאלערין גיזעלא הופנאגעל. דער קונסט־היסטאריקער סטאניסלאוו הערבסט האט די גאנצע צײַט געזארגט פאר זײַן יידישן קאלעגע שמעון זײַטשיק. ווי לאנג מ׳האט נאך געקענט האט הערבסט באזוכט זײַטשיקן אין ווארשעווער געטא און האט אים אויפגעהאלטן נישט נאר מאטעריעל, נאר אויך מאראליש. אין די גרויליקע טעג פון די „אויסזידלונגען” האט ער באוויזן ארויסצופירן זײַטשיקן פון געטא און אים אויסבאהאלטן אין דער וווינונג פון זײַן מוטער. שפעטער איז הערבסטן אויך געלונגען ארויסצורײַסן פון געטא זײַטשיקס פרוי און טאכטער. די פוילישע קונסט־היסטאריקערס האבן נישט נאר געפונען באהעלטענישן פאר זײַטשיקס משפחה, נאר אויך זי אויסגעהאלטן די גאנצע צײַט. צוליב אייגענער אומפארזיכטיקייט איז שמעון זײַטשיק אומגעקומען אין 1944, אבער זײַן פרוי און טאכטער האבן איבערגעלעבט די אקופאציע.

---



יידישע קאמפס־ארגאניזאציע — געצייכנט פון קלמן גלעב

נחמן מייזיל — ניו־יאָרק

# ד״ר עמאַנועל רינגעלבלום

## 1.

א הויכער, א שלאַנקער, מיט א העלן ראָזיקן, גוטמוטיקן און שטענדיק־שמייכלענדיקן פּנים, תמיד א פאַרנומענער, מיט א שווערער פולגעפּאַקטער „טעקע", ווו ס'ליגן דאָקומענטן, מאַטעריאַלן, קאָרעקטורן, באַריכטן, „קאָמפּאָזיציעס" פון שילערס; קומט א פאַרסאַפּעטער פון קורסן, פון גימנאַזיע־קלאַסן און איַילט ווידער צו זיצונגען, פאַרזאַמלונגען, און דערביַי — אַלע מאָל אויפגעלייגט און פריידיק־לעבעדיק, — אַזאַ איז געווען ד״ר עמנואל רינגעלבלום, אַזאַ האָב איך אים געקענט די אַלע 16 יאָר פון מיַין זיַין אין וואַרשע, ווו איך האָב זיך מיט אים אָפט געטראָפן ביַי די פאַרשידנערליי געמיינזאַמע קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אויף די זיצונגען און באַראַטונגען, ווי אויך אויף גרעסערע עפנטלעכע צונויפקומס. א שלל מיט ענערגיע האָט געשלאָגן פון אים און נישט געקוקט אויף דער איבערלאָדנקייט פון אַרבעטן און פליכטן, ווי א תלמיד און ווי א לערער, איז ער שטענדיק גרייט געווען צו נעמען אויף זיך נאָך אויפגאַבעס און שליחותן, וואָס ער האָט פליַיסיק אויסגעפירט.

ער איז אומעטום, צווישן די יִדיש־פּוילישע היסטאָריקערס, — פּראָפ' משה שאָר, ע. נ. פרענק, פּראָפ' מ. באַלאַבאַן, ד״ר י. שיפּער; צווישן די יִוָוא־פירערס — ד״ר מ. זילבערפאַרב, י. יאַשונסקי, נח פּרילוצקי, יצחק גיטערמאַן און איך; צווישן די לינקע פּועלי־ציון־טוערס — זרובבל, נ. בוקסבוים, ש. זאַגאַן, ד״ר איַיזענשטאַט — אומעטום איז ער געווען דער יונגער, דער יִנגסטער. אַזוי האָט מען אים באַטראַכט און אים געהאַלטן — פאַר א גאָרגעראָטענעם „נאָכוווּקס". האָט ער טאַקע געהערט צו די „בני נביאים", צו די יונגע נביאים און די „פרחי כהונה", צו די יונגע כהונה־בליִעכצן. און ווען ער איז שוין אַליין געווען דער מחבר פון וואָגיקע, ווילכטיקע ווערק, האָט ער זיך אַלץ געהאַלטן פאַר א תלמיד, פאַר א חסיד פון זיַינע לערערס און רביים — הגם אין אייניקע עיקרים איז ער אַוועק פון זיַינע לערערס און איז שוין געווען מחולק מיט זיי. ער האָט אַלע יאָרן געאַרבעט צווישן דער יוגנט, דער אַרבעטנדיקער און דער שטודירנדיקער, אַקאַדעמישער יוגנט. ער האָט מיטגעאַרבעט און מיטגעהאָלפן צו דעראַקטירן די יוגנט־אָרגאַנען פון די לינקע פּועלי־ציון „יוגנט־פאָן", „דער נייַער דור", „פריַיע יוגנט" און געווען צווישן די באַליבטע פיגורן אין לינקן פּועלי־ציוניסטישן קריַיז „יוגנט". ער איז געווען דערנאָך דער הויפּט־אָרגאַניזירער פון „יונגן היסטאָריקער". און אומעטום ווו ער איז געווען אַקטיוו באַטייליקט, איז ער מיטגעריסן געוואָרן פון דער אַרבעט און האָט אינספּירירט אויך אַנדערע, עלטערע ווי יונגע, און סטימולירט זיי צו אַקטיוויטעטן.

ער האָט שטענדיק געהאַט פּלענער און נישט מיד געוואָרן זיי צו רעאַליזירן. און נישט געקוקט אויף די אַלערליי שוועריקייטן, האָט ער נישט פאַרלוירן זיַין גוטמוטיקייט און לוסטיקייט, און דערצו קיין מאָל נישט „געבלאָזן פון זיך". ער איז געווען א „נוח לבריות", א גרינגער מענטש, א „נאַשבראַט", וואָס איז קיין מאָל נישט „פויל אויף א גאַנג".

זיַין נאָענטער פריַינד און חבר ד״ר רפאל מאַהלער זאָגט וועגן אים („יִוואָ־בלעטער", 1944, נ' 2): „אין זיַין געזעלשאַפטלעכער, פּונקט ווי אין זיַין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, האָט ער תמיד געשפּראָצט מיט נייַע איַינפאַלן און פּראָיעקטן. א דאַנק זיַין ענערגיע און אָפּטימיזם איז ער קיין מאָל נישט דערדריקט געוואָרן פון דער משא פון כל המינים פּראָפעסיאָנעלע און געזעלשאַפטלעכע פליכטן; עס איז געווען א הנאה צו קוקן אויף דער שיינער געשטאַלט פון בלאָנדן יונגן־מאַן, א הויכן און גליַיכן ווי א סטרונע, מיט א פיַין געשניצטן מענלעכן פּנים און לאַכנדיקע בלויע אויגן" (ז' 310).

ערגעץ ביַי שלום־עליכמען איז דאָ אַן אויסדרוק וועגן א ליבן מענטשן, אַז זיַין גאַנצער אויסזען האָט געמאָנט: „האָב מיך ליב!", — און מ'האָט טאַקע אים ליב געהאַט, רינגעלבלומען, ווי ער האָט ליב געהאַט מענטשן.

ער האָט זיך לחלוטין נישט גערעכנט מיט אַרומיקע שוועריקייטן און פאַרבאָטן. נישט געקוקט אויף די פאַראָרדענונגען פון דער פּוילישער שולמאַכט, אַז לערערס פון גימנאַזיעס זאָלן זיך נישט באַטייליקן אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַרויסטריטן און אָרגאַניזאַציעס, האָט ד״ר רינגעלבלום עפנטלעך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די אַנטיפאַשיסטישע טעטיקייטן פון די פאַרשידענע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן. ער איז אויך געווען פון די טריַיע, איבערגעגעבנסטע טוערס און פירערס פונעם יִדישן קולטורפראָנט אין פּוילן — די קולטור־באַוועגונג, וואָס איז אַרויסגעוואָקסן פון דער אַלגעמיינער גרויסער פאָלקספראָנט־באַוועגונג ערב דעם צווייטן וועלטקריג, — די באַוועגונג, וואָס איז שטאַרק באַקעמפט געוואָרן מצד דער פּוילישער מלוכה און רעכטע סאָציאַליסטן. אויך אין דער יִדישער קולטורפראָנט־באַוועגונג אין פּוילן האָט ע. רינגעלבלום אַריַינגעבראַכט זיַין גאָרן אָפּטימיזם און אומדערשראָקענעם קאַמפסווילן. ער איז געווען איינער פון די באַגיַיסטערטע אָנהענגערס פונעם אַלוועלטלעכן יִדישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז (סעפּטעמבער 1937).

די אַלע, וואָס האָבן גוט געקענט און ענג מיטגעאַרבעט מיט ד״ר ע. רינגעלבלום אין די פאַרשידענע פּאַראַנטוואָרטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס אין פּוילן, האָבן זיך נישט געוווּנדערט, ווען ס׳איז צו זיי דערגאַנגען וואָס ווײַטער אַלץ מער אויספירלעכע ידיעות וועגן דער פירנדיקער און מסירת־נפשדיקער ראָלע פון ד״ר ע. רינגעלבלום אין דער וואַרשעווער געטאָ. אַזאַ איז ע. רינגעלבלום געווען און אַזאַ איז ער פאַרבליבן אויף זײַנע פּאָסטנס אין די מוראדיקסטע באַדינגונגען פון דער דײַטש־נאַצישער אָקופּאַציע אין פּוילן, און אין וואַרשעווער געטאָ.

.2

ד״ר עמנואל רינגעלבלום איז איצט באַוווּסט דעםברייטן ייִדישן עולם אַ דאַנק זײַנע „נאָטיצן פון וואַרשעווער געטאָ״, וואָס ער האָט געשריבן אין דער וואַרשעווער געטאָ זינט אָקטאָבער 1939 בײַ די מוראדיקסטע און געפערלעכסטע באַדינגונגען, ביז די לעצטע טעג פון זײַן יונג לעבן; די נאָטיצן, וואָס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן פון אונטער די חורבות פון דער צעשטערטער וואַרשעווער געטאָ (זיי זענען אַפּריער פאַרעפנטלעכט געוואָרן פראַגמענטנווײַז און אין 1952 זענען זיי דערשינען אין וואַרשע אין אַ בוכפאָרעם, פאַרלאַג „ייִדיש בוך״, 352 זז׳).

און, הגם עמנואל רינגעלבלום איז בעת זײַן אומקומען (צוזאַמען מיט זײַן פרוי יהודית און זײַן דרײַצניאָריקן זון אורילע) אַלט געווען קוים 44 יאָר, האָט ער בײַ זייער שווערע לעבנס־באַדינגונגען באַוויזן זייער פיל אויפצוטאָן ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, ווי אַן אָרגאַניזאַטאָר און בעיקר ווי אַ וויכטיקער היסטאָריקער־פאָרשער. זײַנע פאַרשידענע געשיכטלעכע אַרבעטן, געבויט אויף אַרכיוואַלישע קוואַלן, זענען פון גרויסן באַטײַט פאַר דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן.

ד״ר רפאל מאַהלער (אין דער דערמאָנטער אָפּהאַנדלונג „ייִוואָ־בלעטער״, 1944 זז׳ 307־317) גיט אַ גענוי בילד פון ע. רינגעלבלום דעם מענטש און פאָרשער. ער ברענגט פּרטים צו זײַן ביאָגראַפיע און ער שטעלט זיך אָפּ אויף ע. רינגעלבלומס טעטיקייטן. אויך ד״ר י. שאַצקי (אין זײַן ביאָגראַפישער הקדמה „מנחם בן פײַוויש רינגעלבלום״, צום ערשט־דערשינענעם בוך „קאַפּיטלען געשיכטע פון אַמאָליקן ייִדישן לעבן אין פּוילן״, בוענאָס־איירעס, 1953) ברענגט מאַטעריאַלן וועגן דעם לעבן און די טעטיקייטן פון דעם פאָרשער־מאַרטירער.

ע. רינגעלבלום איז געווען אַן ענטוזיאַסט, אַזוי אין לעבן און אַזוי אויך אין זײַנע פאָרשונגס־אַרבעטן. אַ שטאַרקער פאַרערער פון די עלטערע ייִדישע היסטאָריקערס, איז ער באַזונדערס באַגײַסטערט געוואָרן פון יעדן נײַעם פּרוּוו, פון יעדן נײַעם אויפטו אויפן געשיכטלעכן געביט. מיט יוגנטלעכער התלהבות האָט ער נאָכגעפאָלגט און באַגריסט יעדן פאַרמעסט אויף דעם געביט פון געשיכטע־פאָרשונג. אַ גרופּע ייִדישע פאָלקסלערערס אינעם שטעטל פּרוזשענע (ג. אורינסקי, מ. וואָלאַנסקי — דאָס איז דער בוענאָס־אײַרעסער איקוף־טוער מאיר וואָלאַנסקי — י. צוקערמאַן) איז צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן אַ מאָנאָגראַפיע פון זייער שטעטל („פּנקס פון דער שטאָט פּרוזשענע״). האָט ד״ר ע. רינגעלבלום פאַרעפנטלעכט אַ באַגײַסטערטן אַרטיקל „אַן אינטערעסאַנטער אָנהייב״ („ליטעראַרישע בלעטער״, 1931, ננ׳ 27, 28), ווּ ער מאַכט אויך וויכטיקע באַמערקונגען וועגן געשיכטע־פאָרשונגען אַ מאָל און איצט: דער ייִדישער היסטאָריקער האָט אַ מאָל „געמוזט שעפּן פון דעם איינציקן איצט צוטריטלעכן מקור — פון די עפנטלעכע מלוכישע אַקטן, וואָס זענען אויפגעהיט אין די מלוכה־אַרכיוון. דעריבער טראָגן די ביזאיצטיקע פאָרשונגען איבער דער געשיכטע פון די ייִדן אַן איינזײַטיקן כאַראַקטער, זיי באַריכטיקן דער עיקר די אויסערלעכע געשיכטע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג און באַקענען אונדז ווייניקער מיטן אינערלעכן לעבן פון די ייִדן, מיט דעם פּאַרטיקולערן לעבנס־שטייגער, מיט די אַמאָליקע מנהגים און געוווינהייטן, וכדומה״.

אין די דאָזיקע עטלעכע שורות זעען מיר דעם נײַעם פאָרשמעטאָד און די נײַע כאַראַקטער־שטריכן פון די יונגע ייִדישע היסטאָריקערס אין פּוילן, וואָס ע. רינגעלבלום איז געווען איינער פון זייערע ערשטע און וויכטיקסטע פּירזאָגער. ער מאַכט אַן אינטערעסאַנטן פאַרגלײַך צווישן די פריִערדיקע היסטאָריקערס מיט די לעצטע, נײַע. די אַמאָליקע „אַלטפאָרשנדיקע היסטאָריקערס האָבן באַנומען געשיכטע אויף אַן אַלטן שטייגער. זיי פלעגן זיך באַגרענעצן מיט אויסלערנען די ביאָגראַפיעס פון רבנים און אַנדערע גדולי־הדור, צו עטלעכע אויסצוגן פון די אַלטע פּנקסים, וועלכע זענען פאַרבליבן אין דער געגעבענער שטאָט, צו עטלעכע לעגענדעס, וועלכע זיי פלעגן נישט־קריטיש איבערחזרן — און ס׳איז פאַרטיק אַ מאָנאָגראַפיע פון אַ שטאָט. צו דעם מין געהערן: פרידנשטיין — „עיר גבורים״ (הורודנא), ווילנע, תרמ״א; פיינשטיין — „עיר תהלה״ (בריסק), וואַרשע, תרמ״א; ח. ל. מרגליות — „דובנא רבתי״, וואַרשע, 1910, און פיל אַנדערע״... די מאָדערנע היסטאָריקערס „האָבן אַן ערנסטן, וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג״. ד״ר ע. רינגעלבלום רעכנט אויס: פּראָפ׳ מ. באַלאַבאַן מיט זײַן מאָנאָגראַפיע פון די קראָקעווער ייִדן, זײַן ווערק איבער דער געשיכטע פון די לעמבערגער ייִדן; מ. שאָר מיט זײַן מאָנאָגראַפיע פון די ייִדן אין פּשעמישל; ד״ר י. שיפּער וועגן די ייִדן אין טאָרנע. ער דערמאָנט דערבײַ אויך זיך און זײַן ווערק וועגן די ייִדן אין וואַרשע ביז צום יאָר 1527 אאז״וו. ע. רינגעלבלום איז נישט צופרידן „מיטן ערשטן מין מאָנאָגראַפיעס״, ווּ „די מחברים זענען אויסן געווען צו פאַרציילן גדולות וועגן די רביים, רבנים, וועגן זייערע מופתים און מעשים טובים״, און ער לויבט „די צווייטע קאַטעגאָריע מאָנאָגראַפיעס״, וואָס זייער מעלה איז, וואָס „זיי האָבן אָנגעווענדט וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן פון אַרבעט, באַצויגן זיך קריטיש צו די מקורות און — דעריבער — אַרומגענומען אַלע זײַטן פון לעבן״ (ז׳ 518).

ווען ס׳איז אַרויס ד״ר ע. רינגעלבלומס ווערק „ייִדן אין וואַרשע״ (פון די אַמאָליקע צײַטן ביזן יאָר 1527, אַפּריִער אין פּויליש), האָט ד״ר מאַהלער היים באַגריסט דאָס ווערק (ע. רינגעלבלום איז דאַן אַלט געווען קוים 32 יאָר). „עס איז נישט בלויז צוגעקומען נאָך אַ מאָנאָגראַפיע, עס איז צוגעקומען אַ וויכטיקער צושטײַער צו דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן״, — האָט מאַהלער געשריבן („ליט׳ בלעטער״, 1932, נ׳ 40). ד״ר ר. מאַהלער פאַרענדיקט זײַן אָפּרוף וועגן ד״ר ע. רינגעלבלומס ערשטלינגווערק: „בדרך כלל פאַראייניקט די אַרבעט פון ע. רינגעלבלום בײדע מעלות, וועלכע עס פאָדערן זיך פון אַ היסטאָרישן בוך: סײַ וויסנשאַפטלעכע פּינקטלעכקייט, סײַ אַ פּליסיקן, דערציילערישן סטיל״ (זז׳ 631־632).

אַזוי האָט ד״ר ר. מאַהלער געשריבן אין 1932, און מיט אַ 12 יאָר שפּעטער, אונטערפירנדיק דעם טרויעריקן סך־הכל פונעם יונג־פאַרשניטענעם ע. רינגעלבלום, האָט ד״ר ר. מאַהלער געשריבן אַז ער, רינגעלבלום, „האָט רעפּרעזענטירט דאָס שענסטע און בעסטע פון דעם ייִנגסטן דור ייִדישע היסטאָריקערס אין פּוילן... אַ תלמיד ותיק (אַ טרײַער תלמיד — נ. מ.) פון יצחק שיפּער אין מעטאָדן פון פאָרשן געשיכטע, האָט ער אויך דערמאָנט זײַן אויסגעצייכנטן לערער אין זײַן לעבנסוועג, ווי אַ געזעשאַפטלעכער טוער

און פּאָליטישער קעמפער. מיט באַלאַבאַנען האָט אים פאַראייניקט נישט בלויז די אַליינבאַגרענעצונג אויסשליסלעך צו געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן, נאָר אויך די נטיה אויסצופאָרשן יעדן ענין לויט אַרכיוואַלישע מקורים, און דער מאָנאָגראַפישער אופן פון באַהאַנדלען היסטאָרישע פּראָגעס" (זז' 307).

ע. רינגעלבלום איז אין זײַנע פאָרשונגסווערק אַוועק ווײַטער פון זײַנע לערערס. אין זײַן טיפער פאַרערונג און דאַנקבאַרקייט צו פּראָפ' מ. באַלאַבאַן און צו ד"ר י. שיפּער, האָט ער פאַרזען זייערע פעלערן און זעלטן ווען זיי באַטאָנט, נישט בעל־פּה און נישט בכתב.

.3

אין אַן אַרטיקל „אַ נײַער צושטײַער", וואָס ע. רינגעלבלום האָט פאַרעפנטלעכט אין 1938 („ליטעראַרישע בלעטער", דעם 27טן מײַ, נ' 22) וועגן דעם צווייטן באַנד „בלעטער פאַר געשיכטע" (וואַרשע, 1938, 176 זז') האָבן מיר אייניקע באַמערקונגען וועגן די יונגע ייִדישע היסטאָריקערס אין פּוילן, וואָס כאַראַקטעריזירן אויך ד"ר ע. רינגעלבלומען ווי אַ היסטאָריקער. ער גיט צו אַ קורצע באַשרײַבונג פון דעם וועג, וואָס די יונגע היסטאָריקערס האָבן אַדורכגעמאַכט, און ער שרײַבט: „זינט 1923 איז אין וואַרשע טעטיק אַ קרײַז פון יונגע היסטאָריקערס, וואָס האָבן זיך לכתחילה גרופּירט אַרום דער ייִדישער אַקאַדעמישער היים און נאָכן אַנטשטיין פון ייִוואָ, האָבן זיי זיך אָן אים אָנגעשלאָסן".

ע. רינגעלבלום איז אַזוי באַשיידן, אַז ער מײַדט אויס צו דערציילן, אַז ער איז געווען דער הויפּט־איניציאַטאָר פון אָט דעם קרײַז, וואָס האָט געאַרבעט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון די באַוווּסטע ייִדישע היסטאָריקערס פּראָפ' מאיר באַלאַבאַן און ד"ר יצחק שיפּער( די בײדע עלטערע היסטאָריקערס, ווי זייער ייִנגערער תלמיד־חבר, זענען אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ).

ע. רינגעלבלום דערציילט: „דער דאָזיקער קרײַז האָט נאָך אין 1926 אַרויסגעגעבן דעם „יונגן היסטאָריקער", ווו ס'האָבן צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט זייערע אַרבעטן אייניקע וויסנשאַפטלערס פון ייִנגערן דור". אגב אין דעם „יונגן היסטאָריקער" האָט דער 26יאָריקער רינגעלבלום אָפּגעדרוקט טײלן פון זײַן דאָקטאָר־דיסערטאַציע „די געשיכטע פון די ייִדן אין וואַרשע ביזן יאָר 1527", וואָס ער האָט געשריבן אויפן סמך פון אַרכיוואַלישע מאַטעריאַלן, און פאַר וועלכער ער האָט אין 1926 באַקומען די פּרעמיע פון דער וואַרשעווער קהילה (זע ז. רייזענס „לעקסיקאָן", ב' 4, ז' 397).

„מיט דער צײַט, — זאָגט ווײַטער ע. רינגעלבלום — ווען די „יונגע" זענען געוואָרן עלטער, האָט אויך דער „יונגער היסטאָריקער" (פון וועלכן עס זענען דערשינען צוויי נומערן) געביטן זײַן נאָמען אויף „בלעטער פאַר דער געשיכטע". געטרײַ דער טראַדיציע פון די פריִערדיקע בענדער, זענען אינעם צווייטן באַנד „בלעטער" פאַרעפנטלעכט אַרבעטן פון יונגע היסטאָריקערס, ווו זיי דרוקן צום ערשטן מאָל פראַגמענטן פון זייערע אַרבעטן. עס דעביוטירן אין דעם איצטיקן באַנד „בלעטער" די מאַגיסטערס מ. קרעמער, א. אײַזענבאַך און מ. ראָזענבלאַט, פּונקט ווי עס האָבן אין די פריִערדיקע בענדער דעביוטירט ל. צאָמבער, ש. טרונק, ר. מאַהלער, א. טענענבוים, י. בערמאַן, ל. פעלדמאַן און ע. רינגעלבלום"... „די טראַדיציע פון דעם אַמאָליקן „יונגן היסטאָריקער" ווערט אויך אָפּגעהיט אין אַן אַנדערן פּרט". ע. רינגעלבלום כאַראַקטעריזירט אַזוי אָט די „טראַדיציע": „...די טעמעס, וואָס ווערן באַרירט אין די פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן, זענען צונויפגעבונדן מיט דער ווירקלעכקייט פון די ייִדן אין פּוילן. זיי פּרוּוון געבן אַן ענטפער אויף פּראָבלעמען און פּראָגעס פון דעם איצטיקן ייִדישן לעבן אין פּוילן... געשיכטע איז פאַר זיי אַ וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבע".

דער נײַער צוגאַנג פון די יונגע ייִדישע היסטאָריקערס צו געשיכטע איז — „דער ברייטער פּאַרנעם, מיט וועלכן זיי טרעטן צו (צו) די געשיכטלעכע פּראָבלעמען". „דאָס, — שרײַבט ע. רינגעלבלום, — זענען נישט די „באַרימטע" מאַגיסטערישע אַרבעטן, בײַ וועלכע די יונגע סטודענטן באַמיִען זיך מיט וואָס אַ קירצערן צײַט־פאַרלוסט צו דערגרייכן וואָס גיכער דעם מאַגיסטער־דיפּלאָם. דאָ האָבן מיר פאַר זיך יונגע וויסנשאַפטלערס, וואָס יעדער פון זיי האָט זיך געשטעלט ממש לעבנס־אויפגאַבעס." ע. רינגעלבלום רעדט וועגן די שוועריקייטן פון די יונגע ייִדישע היסטאָריקערס: „בײַ די אומות העולם האָבן יונגע וויסנשאַפטלערס פאַרשידענע וועגן אַרויפצואַרבעטן זיך און דערגרייכן אַ געוויסע, וויסנשאַפטלעכע מדרגה", אָבער פון „אונדזערע יונגע וויסנשאַפטלערס וועט קיין איינער נישט מאַכן קיין אוניווערסיטעט־קאַריערע, קיין איינער פון זיי וועט נישט באַקומען קיין שטעלע אין קיין וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוציע, און דאָך זענען מיר איבערצײַגט, אַז יעדער פון די יונגע מחברים, וואָס דעביוטירט אין די „בלעטער", וועט לויט זײַנע כוחות און מעגלעכקייטן ווײַטער פירן די אויספאָרשונגען, וואָס ער האָט זיך לכתחילה אָנגעצייכנט"... (ז' 368).

אַזוי האָט געשריבן ד"ר ע. רינגעלבלום אין מײַ 1938. ער האָט זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס קומענדיקע יאָר אויגוסט 1939 וועלן די נאַציס פאַרכאַפּן פּוילן און צוטרעטן אומצוברענגען דאָס ייִדישע פאָלק צוזאַמען מיט זײַנע וויסנשאַפטלער־היסטאָריקערס אויף דעם נישט־געדאַכטן ברוטאַלסטן און גרויזאַמסטן אופן.

אגב, פון די דערמאָנטע יונגע ייִדישע היסטאָריקערס זענען בלויז עטלעכע פאַרבליבן צווישן די לעבעדיקע. די איבעריקע זענען גרויזאַם און טראַגיש אומגעקומען.

.4

שוין פון דעם ערשטן מאָמענט, ווען וואַרשע האָט זיך נאָך פאַרטיידיקט קעגן דעם דײַטשן אָנגריף, האָט ד"ר ע. רינגעלבלום זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער הילפס אַרבעט פאַר די נויטבאַדערפטיקטע. ער האָט זיך נישט געלאָזט מיטרײַסן מיט דער אַלגעמיינער פּאַניק און איז געבליבן שטיין אומדערשראָקן אויף זײַן פּאָסטן. עס דערציילט יאָנאַס טורקאָוו (אין זײַן בוך „אַזוי איז עס געווען — חורבן וואַרשע", בוענאָס־איירעס, 1948): „איך גיי אַרום אין שטאָט. כ'באַגעגן מײַן פרײַנד ד"ר ע. רינגעלבלום. ער דערציילט מיר, אַז עס גרינדעט זיך אין וואַרשע אַ געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט, און ער לאַדט מיך אײַן מיטצואַרבעטן"... (ז' 30). אינעם קאָמיטעט האָבן זיך באַטייליקט אָנגעזעענע טוערס, פון פאַרשידענע ריכטונגען, און די אַרבעט, צוליב די גרויסע נויטן, האָט זיך שנעל און ראַשיק פונאַנדערגעוואָקסן. מיט דעם פונאַנדערוווּקס פון דער אַרבעט און מיט די געפאַרן, וואָס האָבן זיך געמערט, איז די אחריות פון די הויפּטטוערס אַלץ געשטיגן. „איינער פון די גרעסטע אויפטוען אין דער ייִדישער וואַרשע און איבער הויפּט אין געטאָ איז געווען דאָס שאַפן די ייִדישע הויז־קאָמיטעטן"... דער „פּראָיעקט איז דורך ד"ר רינגעלבלום, לייטער פון געזעלשאַפטלעכן סעקטאָר, אויסגעברייטערט געוואָרן און גענוי אין אַלע פּרטים באַאַרבעט געוואָרן" (י. טורקאָוו, ז' 69). נאָך די מוראַדיקע באָמבאַרדירונגען פון וואַרשע, ווען גאַנצע גאַסן מיט זייערע הײַזער זענען

חרוב געוואָרן ,און טויזנטער ייִדן זענען פאַרשיט געוואָרן אונטער די חורבות, „האָבן די מיטאַרבעטערס פון דער קאָאָרדיניר־קאָמיסיע (שפּעטער — געזעלשאַפט פאַר אַליינהילף), לויט דער איניציאַטיוו פון ד״ר ע. רינגעלבלום, אַוועקגעלאָזט זיך איבער דער ייִדישער געגנט, פון הויף צו הויף, פון חורבה צו חורבה און דורכגעפירט אַן אַנקעטע, וויפל מענטשן ס׳זענען אין דעם געגעבענעם הויז, אָדער אין דער געגעבענער חורבה, פאַרשיט און דערהרגעט געוואָרן אאז״וו (ז׳ 71).

וועגן ד״ר רינגעלבלומס טעטיקייטן אין געטאָ גיט אגב איבער ב. מאַרק. ער דערציילט, אַז „ד״ר ע. רינגעלבלום האָט געהאַלטן אין גרויסן זאַל פון יודאַיִסטישן אינסטיטוט אויף טלאָמאַצקעגאַס אַ פאָרלעזונג אד״ט: „דאָס פּראָבלעם פון קידוש השם אין דער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק״... (ז׳ 46). און ווייַטער: ד״ר רינגעלבלום, דער איניציאַטאָר פון דער ייִדישער קולטור־אָרגאַניזאַציע, איז געווען דער גרינדער פון אַ צווייטער גאָר וויכטיקער געהיימער אינסטיטוציע, — ער האָט געלייגט דעם גרונטשטיין צום צענטראַלן אַרכיוו פון געטאָ, ווו ס׳זענען פאַרנאָטירט געוואָרן אַלע געשעענישן, אַלע פורעניות, די גאַנצע גרויל־געשיכטע פון די פוילישע ייִדן, און בעיקר — פון די וואַרשעווער ייִדן זינט סעפּטעמבער 1939. .. — — — דער באַוווּסטזייַן אַז דאָס איז איינער פון די וויכטיקסטע אויפטוען, וואָס דאַרף בלייַבן לדורות, איז אַ בולטער סימן, ווי שטאַרק עס איז געווען דער גלויבן אין געטאָ, אַז דאָס ייִדישע פאָלק וועט איבערלעבן די דייַטשע וואַנדאַלן און וועט אויסדויערן... אין דער שפּעטערדיקער אומקומצייַט האָט רינגעלבלום, פאָרויסשפּירנדיק די אָנקומענדיקע קאַטאַסטראָפע, באַגראָבן אין אַ באַשטימטן אָרט — אויף שווינטאָיערסקע 34 און אויף נאָוואָליפּקי 68 — 17 אייַזערנע קאַסטנס מיט די ווערטפולסטע מאַטעריאַלן פון דעם צענטראַלן אַרכיוו״ * (ב. מאַרק „אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ״, לאָדזש, 1947, ז׳ 47).

ד״ר ע. רינגעלבלום איז געווען אין דער געטאָ שטענדיק אויף דער וואַך, און ער האָט גלייַך רעאַגירט אויף אומגליקן וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף די קעפּ פון ייִדן. אָט אַן עפּיזאָד פון יולי 1942:

„עס גיט איבער רחל אויערבאַך — שרייַבט ב. מאַרק — אַז דער „דזשאָינט״־דירעקטאָר יצחק גיטערמאַן און דער פירער פון געהיימען צענטראַלן אַרכיוו ד״ר עמנואל רינגעלבלום האָבן פון די פרייַנד פון דער אַרישער זייַט באַקומען אַ וואָרענונג, אַז עס קומט אַ קאַטאַסטראָפע. גיטערמאַן און רינגעלבלום זענען אַוועק מיט דער ידיעה צו א. טשערניאַקאָוון. דער פאָרזיצער פון יודענראַט האָט אָבער געענטפערט: ,איך בין געווען בייַ אָוערסוואַלדן. ער האָט מיר דערקלערט, אַז קיין שום שלעכטס וועט נישט פּאַסירן!...״ (ב. מאַרק — „אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ״, 1947, ז׳ 84).

און אַזוי ווייַטער טרעפן מיר ע. רינגעלבלומען אויף פאַרשידענע פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, וווּ ער ווייַזט אַרויס איבערגעגעבנקייט און אומדערשראָקנקייט. מיר וועלן אויסרעכענען בלויז אייניקע פון זיי, ווי יאָנאַס טורקאָוו דערמאָנט זיי אין זייַן בוך. ד״ר ע. רינגעלבלום איז דער פאָרזיצער פונעם ראַט פון דער צענטראַלער אימפּרעזעס־קאָמיסיע (ז׳ 230); ער איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירערס פון „ייִקאָר״ (ייִדישע אונטערערדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע), וואָס האָט געגרינדעט אַ נעץ פון שולן, קורסן, אָרגאַניזירט אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט, געעפנט אַ גרויסע ייִדישע ביבליאָטעק, אַראַנזשירט רעפעראַטן, וויסנשאַפטלעכע לעקציעס, פאַרשידענע פאַראַנשטאַלטונגען אאַ״וו (ז׳ 249). שפּעטער אַרבעט שוין ע. רינגעלבלום, צוזאַמען מיט אַנדערע טוערס, אין דער סטאָלערייַ־שאָפּ פון האַלמאַן, אויף נאָוואָליפּקי 57. ער גייט אַריבער צו אַרבעטן אין „דער קריגס־אינדוסטריע״, אין עקהייזערס שאָפּ... מיר באַגעגענען ע. רינגעלבלומען בייַ דער פאַרצווייפלטער אַרבעט צו ראַטעווען ייִדישע קינדער פון אומקום. „הייַנט איז געווען בייַ מיר ד״ר ע. רינגעלבלום. ער האָט געעכטיקט בייַ מיר. מיר האָבן געהאַט גענוג צייַט צו רעדן וועגן דער אַקציע אָפּצוראַטעווען ייִדישע קינדער. מיר האָבן אָפּגערעדט צו טרעפן זיך מיט אים איבער מאָרגן בייַ אים אין שטוב. ער וועט זיך פאַרשטעלנדיקן אין משך פון מאָרגנדיקן טאָג מיט אַ פּאָר מענטשן... — — — צו דער באַשטימטער שעה בין איך געווען בייַ ד״ר רינגעלבלום אין שטוב. ליידער, זענען זייער ווייניק מענטשן געקומען... (י. טורקאָוו, ז׳ 370). ע. רינגעלבלום באַדאַרף אויך זייַן 10יאָריקן זון באַוואָרענען, מ׳זאָל אים זען „אַריבערוואַרפן״ אויף דער אַרישער זייַט פאַר אַ גרויסן אָפּצאָל. ס׳רוקן זיך אַרויס פאַרשידענע שוועריקייטן. „מ׳וויל נישט אָננעמען קיין קינדער מיט אַ „שלעכטן אויסזען״... מ׳האָט צוריקגעוואָרפן ע. רינגעלבלומס זון (וואָס האָט דווקא אַ גוטן אויסזען, ד״ה נישט ענלעך צו אַ ייִד) מיטן מאָטיוו, אַז געמלטע ייִנגלעך האָט מען מורא צו האַלטן...״ (ז׳ 372).

יאָנאַס טורקאָוו גיט אויך איבער דעם געמיינזאַמען סדר, וואָס די געזעלשאַפטלעכע טוערס פון דער אונטערערדישער באַוועגונג האָט באַשלאָסן צו פּראַווען אין טעבענס „שטעטל״ אויף לעשנעגאַס. דאָס איז געווען ערב דעם אויפשטאַנד פון דער וואַרשעווער געטאָ, אַפּריל 1943. „אין טעבענס ,שטעטל׳ אויף לעשנע־גאַס — שרייַבט י. טורקאָוו — האָט זיך געקאָכט ווי אין אַ קעסל. עפּעס האָט געהאָנגען אין דער לופט. צוקומענדיק צום אָרט (לעשנע 54) האָב איך געטראָפן ד״ר ע. רינגעלבלום, וואָס איז שוין געקומען צום סדר־צוזאַמענטרעף פון דער אַרישער זייַט. ער איז געווען זייער נידערגעשלאָגן מחמת — ווי ער האָט געזאָגט — עס גרייטן זיך די דייַטשן צו היטלערס געבורטסטאָג (19טער אַפּריל) מאַכן אַ בלוטיקן פּסח. זיי האָבן בדעה — לויט די אינפאָרמאַציעס וואָס ד״ר רינגעלבלום האָט באַקומען אויף דער אַרישער זייַט — אַרויסצופירן

*) אַ גענויע באַשרייַבונג וועגן ד״ר ע. רינגעלבלומס אַרכיוו האָבן מיר אין דער גרעסערער אָפּהאַנדלונג פון נחמן בלומענטאַל, וואָס האָט געאַרבעט בייַם אַרכיוו. זי איז פאַרעפנטלעכט אין די העברעיִשע זאַמלונגען „דפים לחקר השואה והמרד״ פון „בית לוחמי הגיטאות למורשת השואה והמרד ע״ש יצחק קאַצענעלסאָן״ (בלעטער פאַר געשיכטע פון אומקום און אויפשטאַנד, וואָס סיגיט אַרויס דאָס הויז פון געטאָ־קעמפערס אויפן נאָמען פון יצחק קאַצענעלסאָן, אינעם פאַרלאַג פון „הקיבוץ המאוחד״), תל־אביב, אַפּריל 1951, בי 1. אויסער דער גרעסערער גאַנץ־אויספירלעכער אָפּהאַנדלונג, געשריבן אין העברעיִש, וואָס האַלט גרויסע 18 זייַטן, האָבן מיר אויך אַ קיצור אין ייִדיש וועגן דעם רינגעלבלומס נאָטיצן, וואָס, ווי נ. בלומענטאַל שרייַבט — „האָבן (זיי) אַ ריזיקע באַדייַטונג פאַר דער געשיכטע־פאָרשונג פון דער צייַט... צו גלייַך זענען אויך די נאָטיצן דאָקומענטן פון מענטשלעכער גבורה״, זיי „באַווייַזן, אַז דער מחבר האָט זיך נישט אייַנגעבראָכן אונטער דער לאַסט פון די גרויזאַמע פּאַסירונגען״, און נישט געקוקט אויף דער „לעבנס־סכנה, וואָס האָט אויף אים געלויערט און וואָס דער מחבר האָט קלאָר באַנומען און געפילט, האָט ער נישט איבערגעריסן זייַן הייליקע עבודה פון זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר דער געשיכטע״ (נחמן בלומענטאַל, ני 1, זי 225).

די ייִדן פונעם אַזוי גערופענעם גרויסן געטאָ... מיר וועלן, אַלזאָ, האָבן אַ פאַרשטערטן פּסח..." (זז' 509-510).

.5

פון גרויסן באַטײַט זענען די נאָטיצן פון ע. רינגעלבלום וועגן די הייליקע אויפגאַבעס און די פאַרצווייגטע טעטיקייטן פון דער גרופּע „עונג־שבת", וואָס האָט אויף זיך גענומען די מסירת־נפשדיקע אַרבעט צו זאַמלען מאַטעריאַלן, ידיעות וועגן די געשעענישן און גרויזאַמקייטן אין די געטאָס, אין די לאַגערן. מיר האָבן דאָ, אגב, אויך שטריכן צו דער רינגעלבלום־פּערזענלעכקייט, צו זײַן חוש פאַר געשיכטע און צו זײַן פאַרשטאַנד און צום פאַרנעם פון דער אַרבעט. „עונג־שבת" — „דער דאָזיקער נאָמען נעמט זיך דערפון, וואָס די באַראַטונגען פון דער דאָזיקער (היסטאָריקערס) גרופּע פלעגן פאָרקומען אין שבת — האָט מען די אינסטיטוציע, צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים, אָנגערופן ‚עונג־שבת'... דעם ערשטן ציגל פאַרן אַרכיוו — שרײַבט ע. רינגעלבלום — האָב איך געלייגט אין אָקטאָבער 1939..." ער שילדערט די מוראדיקע שטימונג פון יענער צײַט אונטער די וואַקסנדיקע גרויל־רעפּרעסיעס פונעם דײַטשן אָקופּאַנט. ער דערציילט ווי ער האָט גענומען פאַרצייכענען אַלץ וואָס קומט פאָר. „איך בין צוגעטראָטן צו זאַמלען מאַטעריאַלן פון דער איצטיקער צײַט... צו מיר זענען דערגאַנגען ידיעות פון אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען מיט ייִדן אין וואַרשע און אירע פאַרשטעט... דאָס אַלץ וואָס איך האָב זיך אין משך פון טאָג אָנגעהערט, האָב איך אין אָוונט פאַרנאָטירט און פאַרזען מיט מײַנע הערות. פון די דאָזיקע טאָג־טעגלעכע נאָטיצן האָט זיך אָנגעקליבן מיט דער צײַט אַ היפּש בוך פון הונדערט געדיכט־אָנגעשריבענע זײַטן, וואָס גיט אַן אָפּשפּיגלונג פון יענער צײַט־תקופה..." ווײַטער גיט איבער ע. רינגעלבלום, אַז מײַ 1940 האָט ער „געהאַלטן פאַר צוועקמעסיק צו געבן דער דאָזיקער אַרבעט אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער". ער האָט געמאַכט „אַ גוטן אויסוואַל פון מענטשן, און אַ דאַנק דעם איז די אַרבעט אַוועק אין דער געהעריקער ריכטונג און איז געפירט געוואָרן אין דעם אַנטשפּרעכנדיקן פאַרנעם..." מיט דער צײַט איז מען דערגאַנגען צו אַ פּלאַן, וואָס מ'האָט אָנגערופן „צוויי אַ האַלב יאָר", ווײַל „עס האָט געזאָלט געגעבן ווערן אַן איבערבליק און אַ סך־הכל פון ייִדישן לעבן אין וואַרשע אין משך פון די צוויי אַ האַלב יאָר מלחמה... די אַרבעט איז פאַרמאָסטן געוואָרן אויף איבער 100 דרוקבויגן און האָט געזאָלט ווערן איינער פון די וויכטיקסטע דאָקומענטן אין דער צײַט פון מלחמה" (ע. רינגעלבלום — „נאָטיצן פון וואַרשעווער געטאָ", זז' 317-321).

אין אָט דער אינטערעסאַנטער און אויפשוידערנדיקער שילדערונג פון דער הייליקער עבודה פון דער „עונג־שבת"־גרופּע — אין וועלכער ער גופא איז געווען דאָס האַרץ, די נשמה און דער קאָפּ — גיט איבער ע. רינגעלבלום פּרטים וועגן פאַרשידענע מאָמענטן פון דער אַרבעט, וועגן די אויסערלעכע און אינעווייניקסטע באַדינגונגען, ווי די אַרבעט איז געפירט געוואָרן, וועגן די פאַרשידענע מיטגלידער וואָס האָבן זיך מיט לײַב און לעבן און מיט מסירת־נפש באַטייליקט אין דער אַרבעט... דערווײַל איז אַ „נײַ אומגליק אַראָפּגעפאַלן אויף די קעפּ פון די וואַרשעווער ייִדן — אַן אומגליק וואָס האָט אונדז געקאָסט 300.000 קרבנות — די אויסזידלונג" (ז' 322). ע. רינגעלבלום באַהערשט זיך, מוטיקט זיך, ווי ער מוטיקט זײַנע חברים־מיטבאַטייליקטע אין דער עבודת־הקודש. „די עונג־שבת־אַרבעט — שרײַבט ער — איז ווי דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אוןווירטשאַפטלעכע לעבן איבערגעריסן געוואָרן. בלויז געציילטע חברים האָבן אין יענע אומגליקלעכע טעג געהאַלטן די פּען אין דער האַנט און ווײַטער געשריבן וועגן דעם וואָס קומט פאָר אין וואַרשע. צו הייליק איז אָבער געווען די אַרבעט, צו שטאַרק איז זי געווען אײַנגעבאַקן אין די הערצער פון די עונג־שבת־מיטאַרבעטערס, צו אַ וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע פונקציע האָט געשפּילט עונג־שבת, אַז די דאָזיקע אַרבעט זאָל אָפּגעשטעלט ווערן".

ע. רינגעלבלום דערציילט: „מען האָט גענומען זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן דעם שעכטהויז פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום — וועגן טרעבלינקע. מיר האָבן געפּרוּווט אויפן יסוד פון די דערציילונגען פון די צוריקגעקומענע פון פאַרשידענע פּראָווינץ־לאַגערן אויפשטעלן אַ בילד פון די איבערלעבונגען פון די ייִדן אין די פּראָווינצשטעט אין דער צײַט פון אויסזידלונג" (זז' 322-323).

מען דאַרף זיך וווּנדערן און שטוינען וואָס אין אַזאַ גרויל־מוראדיקער צײַט פאַרמאָגט ע. רינגעלבלום דעם מוט, די גבורה, דעם ווילן צו פירן ווײַטער די אַרבעט. ער פאַרנאָטירט: „ווען מיר שרײַבן די ווערטער, איז די אַרבעט אין פולן ברען, און אויב מען וועט נאָך האָבן אַ ביסל מנוחה, וועט קאָנען דערגרייכט ווערן דאָס, אַז קיין שום וויכטיקער פאַקט פון ייִדישן לעבן אין דער צײַט פון מלחמה זאָל נישט בלײַבן פאַרבאַהאַלטן פאַר דער וועלט" (ז' 323).

און ע. רינגעלבלום, וואָס מײַדט אויס צו רעדן וועגן אייגענע שרעק, יסורים, פּײַנען, מסירת־נפש און מאַרטירערײַ, זאָגט פאַרבײַגייענדיק אויפן לעצטן זײַטל פון זײַנע „נאָטיצן" וועגן „עונג־שבת", ווו ער רעדט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט וועגן אייניקע פון זײַנע נאָענטע מיטאַרבעטערס: „...וויפל מאָל איז ער (דער יונגער, פּרעכטיקער, פלאַמיקער, פילצוזאָגנדיקער וויסנשאַפטלער, העלד און מאַרטירער מנחם לינדער — נ. ח.) מיר דערגאַנגען די יאָרן, איך זאָל אַרויספאָרן פון וואַרשע נאָך דער בלוטיקער אַפּריל־נאַכט 1942!..." ע. רינגעלבלום כאַפּט זיך גלײַך און ער זעצט פאָר: „יעדער מיטאַרבעטער פון עונג־שבת האָט געוווּסט, אַז זײַן מי און פּײַן, זײַן שווערע האָרעוואַניע און מאַטערניש, זײַן ריזיקירן 24 שעה אַ טאָג מיט דער ‚טרייפענער' אַרבעט בשעת איבערטראָגן מאַטעריאַלן פון איין אָרט צום צווייטן — אַז דאָס אַלץ איז צוליב אַ הויכן אידעאַל, און אַז די געזעלשאַפט וועט עס אין די טעג פון פרײַהייט (ווי) געהעריק אָפּשאַצן און באַלוינען מיט די העכסטע אָפּצייכענונגען, וואָס וועלן זײַן אין דער פרײַער אייראָפּע". „עונג־שבת — פאַרענדיקט ע. רינגעלבלום — איז געווען אַ ברודערשאַפט, אַן אָרדען פון ברידער, וואָס האָבן אויף זייער פאָן אויפגעשריבן קרבנות־גרייטקייט, געטרײַשאַפט פון איינעם צום אַנדערן און דינסט פאַר דער געזעלשאַפט" (ז' 344).

איינער פון די וויכטיקסטע אויפטוען פונעם „עונג־שבת", ווי מיר ווייסן איצט, איז געווען דער גרויסער אַרכיוו, ריכטיקער — דער אומגעהײַערער אוצר פון מאַטעריאַלן, לעבעדיקע אײַנדרוקן, מגילות, לאָגלען טרערן, הייליקע נאָטיצן, וואָס בלויז אַ טייל איז פאַרבליבן גאַנץ און בלויז אַ טייל איז דערגאַנגען צו אונדז. דאָס איבעריקע איז צוזאַמען מיט זייערע פאַרפאַסערס אומגעקומען, פאַרשוווּנדן.

„אין וואָס באַשטייט די עיקר־אידעע פונעם רינגעלבלום־אַרכיוו?" — פרעגט ב. מאַרק און ער ענטפערט: „אין דעם טיפן גלויבן פון די צום טויט־פאַרמשפּטע קולטור־טוערס פון געטאָ, אַז נישט געקוקט אויף אַלע פאַרטיליקונגען, וועט דער היטלעריזם פאַרשפּילן, וועט די פרײַהייטלעכע וועלט זיגן און דאָס ייִדישע פאָלק וועט איבערלעבן אויך דעם נאַצי־קאַטאַקליזם און וועט ווי אַ נאַציאָנאַלער קאָלעקטיוו עקסיסטירן און לעבן. דער גלויבן אין

המשך פון אונדזער נאַציאָנאַלן קיום דרינגט דורך יעדעס פּיצעלע שמה, יעדעס בלאַט אין די מיט בלעך־אַרומגעהאַקטע קאַסטנס פון דעם טיילווייַז אויסגעגראָבענעם רינגעלבלום־אַרכיוו. וואָרעם ווען די זאַמלערס פון די באַהאַלטענע מאַטעריאַלן און די וואָס האָבן די קאַסטנס באַגראָבן אין דער ערד, ווען זיי וואָלטן נישט געהאַט דעם דאָזיקן גלויבן — וואָס פאַר א זין וואָלט געהאַט זייער מסירת־נפשדיקע אַרבעט?" („דאָס בוך פון גבורה — אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ", לאָדזש, 1947, ז' 355). „ווען מען קוקט זיך צו צו די מאַטעריאַלן און צו די צען אָפּגעראַטעוועטע קאַסטנס, ווערט מען דערשטוינט פון דער זאָרגעוודיקייט, ווי אַזוי די פּאַפּירן זענען אײַנגעלייגט, ווי אַזוי די מענטשן האָבן געדענקט וועגן יעדן פּרט, וואָס קאָן צוּוואַרפן נאָך א ביסל שייַן אויף דער געשיכטע פון דער יִדישער מאַרטירערייַ און העלדנמוט" (ז' 356).

ע. רינגעלבלום, וואָס האָט זיך באַמיט אין זײַנע געטאָ־שילדערונגען צו זײַן וואָס אָביעקטיווער, פאַרלירט דאָך זײַן רויִקייט, און ער געברויכט הארבע, שאַרפע ווערטער. אין א נאָטיץ „דאָס קלאַסן־פּנים פון דער יִדישער קהילה" שרײַבט ער: „צײַטן פון איבערבראָך האָבן די מעלה, אַז זיי באַלויכטן ווי מיט א ריזיקן רעפלעקטאָר דאָס, וואָס איז ביז איצט געווען פאַרדעקט. דאָס חיהשע פּנים פון דער יִדישער בורזשואַזיע, איר מענטשן־פרעסערישער כאַראַקטער איז געקומען בולט צום אויסדרוק אין די לעצטע צײַטן פון הונגער. די גאַנצע אַרבעט פון דער קהילה איז איין גרויסע הימל־שרײַענדיקע עוולה לגבי דער אָרעמקייט. און וואָלט געווען א גאָט אויף דער וועלט, וואָלט ער מיט דונערן חרוב געמאַכט די נעסט פון רשעות,צביעות און הויטשינדערײַ" („נאָטיצן פון וואַרשעווער געטאָ", וואַרשע, 1952, ז' 198).

אַזעלכע שטעלן קאָן מען געפינען נאָך און נאָך אין זײַנע גרוילנאָטיצן.

א מאָל רײַסן זיך אויך אַדורך טיף־רירנדיקע ווערטער וועגן זיך גופא — הגם, ווי ס'איז צו זען פון די נאָטיצן — מײַדט אויס ע. רינגעלבלום צו רעדן וועגן זיך, וועגן זײַנע אייגענע איבערלעבענישן און געפילן. אָט האָבן מיר א נאָטיץ וועגן יצחק גיטערמאַן, זײַן (און מײַנער) נאָענטער פרײַנד און לאַנגיאָריקער חבר. ער פאַרצייכנט: „יצחק גיטערמאַן איז א קרבן פון דער צווייטער אויסזידלונג פון וואַרשע. ער האָט בשעת זײַנע באַזוכן בײַ מיר אַדורכגעקוקט די ליסטעס פון די געהרגעטע און אייגנהענטיק צוגעשריבן פאַרשידענע נעמען. איצט פיגורירט אויף דער זעלבער ליסטע, ווו עס פיגורירט זײַן אייגנהענטיקע צושריפט — דער נאָמען פון יצחק גיטערמאַן". און ע. רינגעלבלום גיט צו: „עס ציטערט מיר די האַנט (בײַ) די ווערטער, ווײַל ווער ווייסט, צי וועט אין דעם צעטל דער צוקונפטיקער היסטאָריקער, וואָס וועט אַדורכקוקן די דאָזיקע ליסטע, נישט צושרײַבן אויך מײַן נאָמען: ע. רינגעלבלום..." און אָנגעוואָרפן די פּאָר שורות, איז ער גלײַך גובר אין זיך די סענטימענטן און ער זאָגט: „מילא, מיר זענען שוין צוגעוווינט צום טויט, און ער מאַכט אויף אונדז נישט קיין אײַנדרוק. אויב עמעץ פון אונדז וועט איבערלעבן די מלחמה, וועט מען אַרומגיין אין דער וועלט ווי מענטשן פון א צווייטן פּלאַנעט... עפּעס זענען מיר געבליבן על פּי נס און על פּי טעות" (ז' 316).

און דער נס, ווי באַוווּסט, איז נישט געשען, און קיין טעות איז נישט געווען — און ע. רינגעלבלום האָט די מלחמה, דעם חורבן נישט איבערגעלעבט, און זײַן נאָמען איז דערנאָך צוגעשריבן געוואָרן צו דער „ליסטע" פון די פאַרפּײַניקטע און דערמאָרדעטע...

אַזוי האָט געשריבן ד"ר ע. רינגעלבלום אָנהייב יאַנואַר 1943. מיט א 14 חדשים שפּעטער, דעם 1טן מאַרץ 1944, אין זײַן באַוווּסטן באַריכט „די יִדישע קולטור־אַרבעט אין די געטאָס פון פּוילן" (אַרויסגעשיקט פון וואַרשעווער אונטערערד דעם 1טן מײַ, ווען ע. רינגעלבלום, צוזאַמען מיט זײַן פרוי, יהודית, און זייער זון אורילע, זענען שוין אומגעקומען), האָט ער געשריבן: „צי עס וועט איבערדויערן די מלחמה ווער עס איז פון אונדז, כּלל־טוערס, וואָס מיר אַרבעטן אין באַדינגונגען פון טאָפּלטער קאָנספּיראַציע — זענען מיר אין ספק". דאָס זעלבע ווערט אויך איבערגעחזרט צום סוף פון „באַריכט": „צי מיר וועלן האָבן א געלעגנהייט זיך צו זען מיט אײַך — זענען מיר אין ספק" („יִדישע קולטור", 1944, נומ' 10).

און דער ספק איז געוואָרן א „וודאי", א „געוויס": אים איז נישט באַשערט געווען איבערצולעבן די מלחמה, דעם חורבן, כאָטש עס זענען אים פון פאַרשידענע זײַטן און וועגן געגעבן געוואָרן מעגלעכקייטן זיך צו ראַטעווען...

דאָס איז ע. רינגעלבלום!

.6

וואָס עמנועל רינגעלבלום איז געווען פאַר די יִדישע מאַסן אין געטאָ — דאָס איז א גאָר באַזונדער קאַפּיטל, וואָס באַדאַרף ערשט געניי אויסגעפאָרשט און באַשריבן ווערן. אין די פאַרעפנטלעכטע ביכער וועגן וואַרשעווער געטאָ האָבן מיר פיל מאַטעריאַלן וועגן דעם. ער האָט נישט נאָר זיך פאַרנומען מיט זאַמלען מאַטעריאַלן, ידיעות, דאָקומענטן צו דער געשיכטע פון יִדן בעת דער היטלער־אָקופּאַציע, נאָר ער האָט אויך זיך באַטייליקט בײַם מאַכן געשיכטע. ער האָט גענומען אָנטייל אין די וויכטיקסטע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און געווען דער פאָרשטייער פון די לינקע, פּראָגרעסיווע כוחות אין די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציעס, קאָמיטעטן, וואָס האָבן עקסיסטירט אין דער געטאָ. ער איז געווען באַליבט און געערט בײַ די פאַרשידנסטע קרײַזן און צו זײַן וואָרט האָט מען זיך אומעטום שטאַרק צוגעהערט.

אין דעם לענגערן באַריכט, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין וואַרשע, מאַרץ 1944, וועגן דעם אויפקום און אַנטוויקלונג פון דער יִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע (אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך אונטערערדישע פאַרבינדונגס־וועגן קיין לאָנדאָן אין מײַ־חודש, פאַרעפנטלעכט דורך מ. ניישטאַדט „חורבן און אויפשטאַנד פון די יִדן אין וואַרשע", תל־אביב, 1948, זז' 128־167), האָבן מיר פּרטים וועגן ד"ר ע. רינגעלבלומס טעטיקייטן אין געטאָ. צווישן אַנדערס ווערט איבערגעגעבן, אַז „דעם 22טן יולי 1942 (ערב תשעה באב, תש"ב), ווען די דײַטשן זענען צוגעטראָטן צו ליקווידירן די וואַרשעווער געטאָ, איז צונויפגערופן געוואָרן דער געזעלשאַפטלעכער ראַט צו באַטראַכטן די לאַגע און אָננעמען מיטלען". צווישן די פאַרשידענע פירנדיקע מענטשן איז אויך געווען ע. רינגעלבלום... „די מיינונגען האָבן זיך צעטיילט. די פאָרשטייערס פון די לינק־ציוניסטישע גרופּירונגען און פון ,החלוץ' און אויך עטלעכע געזעלשאַפטלעכע טוערס האָבן אויפגעפאָדערט צו אַן אַקטיוון אַרויסטריט, אין א וועלכער עס איז פאָרעם..." און אַזוי ווי „די מערהייט האָט פאַרלאַנגט אָפּוואַרטן", האָבן „די לינקע גרופּירונגען געשאַפן א פאַראייניקטן אַרבעטער־קאָמיטעט", וואָס „האָט גענומען אויף זיך די אחריות פאַרן גורל פון געטאָ און פאַר זײַן כבוד" (ז' 138).

און אַזוי ווײַטער ווערט בײַ יעדער טעטיקייט דערמאָנט דער נאָמען פון ד״ר ע. רינגעלבלום, וואָס האָט אויסגעפילט וויכטיקע פונקציעס אין די געטאָ־אָרגאַניזאַציעס.

וועגן דער ראָלע פון ע. רינגעלבלום אין דער געטאָ רעדט דער „באַריכט פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט אין פּוילן״ (אַרויסגעשיקט פון וואַרשע קיין לאָנדאָן דעם 24טן מײַ, 1944). איבערגעבנדיק אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן דער לאַגע אין געטאָ, וועגן די קאַמפן, דורכפאַלן, וועגן די גרויזאַמקייטן און חורבנות, דערציילט דעם באַריכט: „... אין מאַרץ (1944) איז אומגעקומען אײנער פון אונדזערע באַדײַטנדיקסטע טוער, דער שעפער און לייטער פון אונדזער אַרכיוו, דער לאַנגיאָריקער קולטור־טוער פון די לינקע פּועלי־ציון, אַ פּלאַמיקער און אָפּפערוויליקער געזעלשאַפטלעכער עסקן, ד״ר עמנואל רינגעלבלום...״ (ז׳ 189).

אויך אַ צווייטער באַריכט (אַרויסגעשיקט פון וואַרשע דעם 24טן מײַ 1944 קיין תל־אביב) גיט איבער די טראַגישע נײַעס וועגן רינגעלבלומס אומקום מיט פּאָלגנדיקע ווערטער: „לעצטנס האָבן מיר אַדורכגעלעבט אַ שרעקלעך אומגליק. עס איז אומגעקומען עמנואל צוזאַמען מיט יהודית (זײַן פרוי) און אוריה (זייער זון). צוויי מאָל האָבן מיר אים געראַטעוועט. איין מאָל — פון וואַרשעווער געטאָ, אַ צווייט מאָל — פון לאַגער אין טראַווניק. ער האָט זיך אײַנלאָקירט צוזאַמען מיט זײַן משפחה אין אַן אונטערערדישן שוצאָרט. ער האָט געאַרבעט אינטענסיוו... דעם 7טן מאַרץ (1944) האָט די געסטאַפּאָ אַנטדעקט דעם שוצאָרט. זי האָט אַרעסטירט 37 מענטשן. אַלעמען האָט מען שרעקלעך געפּײַניקט און דערשאָסן. עמנואלס טויט איז די גרעסטע אבידה פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט נאָך דער צעשטערונג פונעם געטאָ. ביזן לעצטן מאָמענט האָט ער אויפגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט אונדז... ער האָט נישט דערלעבט דעם באַפרײַונגס־מאָמענט. די גאַנצע צײַט פון זײַן געפינען זיך אין געטאָ איז ער געשטאַנען אויף דער נייטיקער הויך, געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער סאָציאַלער הילף, האָט געשאַפן אַ נעץ פון אַ צוויי טויזנט הויז־קאָמיטעטן, האָט געשאַפן אַ גרויסן אַרכיוו, ער איז געווען אַן אומדערמידלעכער, פּלאַמיקער טוער, איינער פון די סאַמע פּאָפּולערסטע פּערזענלעכקייטן אין געטאָ. אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין טראַווניק איז ער געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער זעלבסטהילף־אַקציע און פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, ער איז געווען דער לעבעדיקער גײַסט פון דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט אין לאַגער״... „זײַן נאָמען, — ווערט געזאָגט אינעם באַריכט, — וועט זײַן פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון געטאָ, מיט דער מאַרטיראָלאָגיע און מיטן קאַמף פון פּוילישן יידנטום״ (מ. נײַשטאַדט, ז׳ 234).

.7

און אָט אַ גרוס פון ע. רינגעלבלום פון סוף יולי אָדער אָנהייב אויגוסט 1943. די אונטערערדישע באַוועגונג האָט מיט גרויס אָנשטרענגונג, מיט דער הילף פונעם פּאָליאַק טעאָדאָר פּאַיעסקי, באַמיט זיך אַרויסצוראַטעווען אים פון טראַווניקער לאַגער און אים ברענגען קיין וואַרשע. רחל אויערבאַך, — די באַוווּסטע שרײַבערין, וואָס האָט געאַרבעט אויף דער אַרישער זײַט אין וואַרשע, — דערציילט („מײַן לעצטע באַגעגעניש מיט ד״ר ע. רינגעלבלום״, אַ קאַפּיטל פון באַנד זכרונות „דער פּנקס פון אונדזער חורבן און געראַנגל״, „נײַוועלט״, תל־אָביב, פונעם 13טן מאַרץ, 1953): „... נאָך איינעם צי צוויי אומגעלונגענע פּרוּוון, האָט זיך אײַנגעגעבן אים (ע. רינגעלבלומען) אַרויסצובאַקומען פון (טראַווניקער לאַגער וווּהין ער איז פאַרשלעפּט געוואָרן פון ברויערס שאָפּ בשעתן אויפשטאַנד״... ס׳איז געווען אין דער צײַט ווען מוסאָליני איז געפאַלן, און אַלע האָבן געזען אין דעם אַן אָנהייב פון היטלערס סוף. רחל אויערבאַך גיט איבער, ווי זי האָט דאַן זיך געטראָפן מיט רינגעלבלומען אין דער וווינונג פון סטאַכן: „מיט וואָס פאַר אַ ריירונג טראַכט איך איצט וועגן מײַן דעמאָלטיקן געשפּרעך מיט אים״. „איך האַלט, — שרײַבט רחל אויערבאַך, — אַז מיר האָבן אין זײַן פּערזאָן פאַרלוירן איינעם פון די שענסטע מענטשן, וואָס האָט זיך אין יענע שרעקלעכע יאָרן אַנטפּלעקט אין אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט מיט זײַן גאַנצער איידלקייט און קראַפט״.

רחל אויערבאַך דערציילט ווײַטער: „רינגעלבלום האָט זיך שטאַרק דערפרייט, וואָס ער זעט מיך אַ לעבעדיקע און דערבײַ אַזאַ יוסטע „אַריערין״. אין משך פון אַ האַלבער שעה האָבן מיר אַדורכגעמישט אין געשפּרעך טויזנט זאַכן. איך געדענק וואָס רינגעלבלום האָט מיר געזאָגט וועגן ערשטן אײַנדרוק, וועלכן עס האָט אויף אים געמאַכט סטאַכס באַשיידענע צוויי צימערלעך. זיי זענען אים, נאָך דעם לאַגער, פאָרגעקומען ווי אַן אידעאַל פון גרוימיקייט, פון ריינקייט און קאָמפאָרט. ער האָט מיר אויסגערעכנט די נעמען פון די שוישפּילערס און כלל־טוערס, וואָס ער האָט געלאָזן אין טראַווניק... רינגעלבלום האָט מיר דערציילט, ווי עס אַרבעט די קאָנספּיראַציע אין טראַווניק, אַז זי פאַרמאָגט אַ ביסל געווער, אַז זי האָט אויף אַזוי פיל דאָרט באַהערשט די סיטואַציע, אַז זי האָט אַ כוח אין די טראַנספּאָרטן, וואָס גייען אָפּ קיין סאָביבאָר, כלומרשט אויף גראָבן טאָרף, אין דער אמתן אויף ליקווידאַציע — אַרײַנצושטעלן דווקא די קאַנפידענטן און מנובלים, פון וועלכע מען מוז פּטור ווערן.

„רינגעלבלום איז שטאָלץ געווען מיט דער אָרגאַניזאַציע אין לאַגער...

„צום סוף האָט מיך רינגעלבלום גענומען אויספרעגן וואָס אין וואַרשע טוט זיך. זײַענדיק איבערפולט מיט דער מעשה מוסאָליני, האָב איך אים אָנגעהויבן צו פאַרשיטן מיט נײַעס פון די געהיימע ראַדיאָ־ביולעטינען און דערבײַ פאַרטײַטשן מײַן באַגײַסטערונג...״

„צום סוף, — שרײַבט רחל אויערבאַך, — האָב איך אויסגעפירט, אַז ווען היטלער וועט פאַלן, וועל איך שוין נישט ווערן אַזוי דערשיטערט, ווײַל איצט בין איך שוין באַפרײַט געוואָרן פון ספקות. איצט ווייס איך, אַז דאָס וועט זיכער קומען.

„— אוי! — ענטפערט מיר רינגעלבלום, — אוי, וועט יעדער פון אונדז יידן ווערן דעמאָלט אויף ס׳נײַ דערשיטערט — פּערזענלעך, און נאָך מער ווי איצט — ווײַל דעמאָלט וועט זיך יעדער פון אונדז קאָנען זאָגן, אַז ער אַליין איז שוין איצט אויף אַן אמת געראַטעוועט. אַזוי איז די מענטשלעכע נאַטור...

„און ער איז געווען גערעכט. מיר האָבן זיך געקאָנט איבערצײַגן וועגן דעם. אָבער ער, ער האָט שוין, לײַדער, דעם מאָמענט נישט דערלעבט...״

ד״ר ע. רינגעלבלום האָט נישט געוואָלט פאַרבלײַבן אויף דער אַרישער זײַט. מיט דער זעלבער טרײַקייט און מסירת־נפש האָט ער פאָרגעזעצט זײַן אַרבעט מיט דער הילף פון דער לעבן געבליבענער גרופּע מיטאַרבעטערס. אין 1943 איז געווען אַ מעגלעכקייט אַרויסצוראַטעווען אים פון פּוילן, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם. ער האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן די פּאָזיציעס אויפן געפערלעכן געטאָפראָנט... ער און זײַן פרוי און זון און נאָך אַ פּאָר צענדליק יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער, וואָס איז

ספעציעל אויסגעבויט געוואָרן דורך דעם פּאָליאַק מיעטשיסלאַוו וואָלסקי און פאַרשטעלט געווען מיט אַן אָראַנזשערי. צוליב אַ מסירה האָט די געסטאַפּאָ אַנטדעקט דעם בונקער, און דעם 6טן מאַרץ 1944 — עטלעכע טעג נאָך דעם, ווי ס'איז דורך אים און ד"ר אַדאָלף בערמאַן אָנגעשריבן געוואָרן דער באַרימטער בריוו וועגן דער קולטור־אַרבעט פון ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ, — איז ער אַריבערגעפירט געוואָרן אין די טויטקאַמערן פון פּאַוויאַק.

## 8.

וועגן עמנואל רינגעלבלומס לעצטע גרוילטעג האָבן מיר זיך דערוווּסט פון איינעם וואָס האָט זיך געטראָפן מיט רינגעלבלומען אין דער גרויזאַמער פּאַוויאַק־תּפיסה, ווו די דײַטשע בעסטיעס האָבן פאַרשניטן זײַן יונג לעבן, פּונקט ווי זיי האָבן אין דער דאָזיקער „באַרימטער" תּפיסה אומגעבראַכט פיל אומשולדיקע ייִדישע קרבנות. י. הירשהויט האָט געאַרבעט אין פּאַוויאַק ווי אַ דעזינפעקטאָר. ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַזוכן די פאַרשידענע קאַמערס אין דער טויטן־תּפיסה. אין זײַנע זכרונות „מיט ד"ר ע. רינגעלבלום אין פּאַוויאַק" (פאַרעפנטלעכט אין „ייִדישע קולטור", 1949, נ' 10, איבערגעדרוקט פון מינכענער „דער מאָרגן") גיט ער איבער, ווי אין איינעם אַ פרילינג, 1944 (דאָס איז געווען דעם 7טן מאַרץ) האָט מען זיך דערוווּסט אין תּפיסה, אַז ד"ר רינגעלבלום און זײַן פרוי און זון זענען אַהין אַרײַנגעפאַלן מיט נאָך עטלעכע און דרײַסיק ייִדן, וואָס די דײַטשן האָבן אַנטדעקט אין אַ בונקער. י. הירשהויט דערציילט: „די פּאַוויאַקער ייִדן (אַליין פאַראורטיילטע אויף יסורים, פּײַניקונגען, — נ. מ.) האָבן שטאַרק געוואָלט ראַטעווען פון טויט די נײַע קרבנות. נאָר וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, האָבן מיר שוין געקאָנט אויפטאָן? " די איינציקע האָפענונג איז געווען צו זוכן אַ וועג צום תּפיסה־קאָמענדאַנט פּיטש און אויספּועלן בײַ אים, אַז ע. רינגעלבלום זאָל צוגעטיילט ווערן צו עפּעס אַן אַרבעט אין דער תּפיסה. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צוצוקומען צו דער טויטן־קאַמער און איבערגעבן אַ טרייסטוואָרט צו ד"ר ע. רינגעלבלום. ס'איז געווען פון די שווערסטע זאַכן, אָבער „סוף כל סוף, — שרײַבט י. הירשהויט — בין איך דעם זעלבן אָוונט געווען אין דער טויטן־קאַמער... מײַן באַגעגעניש מיט רינגעלבלומען האָט געדויערט בסך־הכל עטלעכע מינוט, אָבער די דאָזיקע ווייניקע מינוטן האָבן זיך שטאַרק אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון.

„די קאַמער איז געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן. דאָס זענען מסתמא געווען רינגעלבלומס בונקער־חברים. ער אַליין איז געזעסן אויף אַ שטרויזאַק, האַרט נעבן דער וואַנט, אויף וועלכער עס זענען געווען אויסגעקריצט מיט נעגל הונדערטער נעמען פון מענטשן, וואָס זענען דורך דער דאָזיקער קאַמער דורכגעגאַנגען זייער לעצטן וועג. רינגעלבלום האָט אויף זײַן שויס געהאַלטן אַ היפּש ייִנגל, זײַן זון אורי.

„איך האָב מיך דערנענטערט צו רינגעלבלומען און אים געזאָגט, אין וועמענס שליחות איך בין געקומען. איך דערמאָן מיך, אַז רינגעלבלום האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, ווען ער האָט געהערט אַז אין דער תּפיסה זענען נאָך פאַראַן ייִדן.

„דאַן האָב איך אים דערציילט, אַז מיר מאַכן באַמיִונגען, כּדי אים אַרײַנצונעמען צו אונדז.

„— און וואָס וועט זיין מיט אים? — האָט ער מיך געפרעגט, ווײַזנדיק מיטן פינגער אויפן זון — און וואָס וועט זײַן מיט דער פרוי, וואָס זיצט בײַ די פרויען?

„וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפערן? מיר האָבן געוווּסט, אַז אויב עס וועט זיך אונדז אײַנגעבן אַרויסצונעמען רינגעלבלומען צו אונדז מאַכנדיק אים פאַר אַ שוסטער אָדער אַ שנײַדער, איז זײַן משפּחה פאַרלאָרן. רינגעלבלום האָט דעם דאָזיקן אמת אַרויסגעפילט פון מײַן שווײַגן און באַלד האָט ער טאַקע צוגעגעבן:

„— איך וויל בעסער גיין אויף קידוש השם צוזאַמען מיט זיי!"

„שפּעטער האָט ער מיר דערציילט, ווי ער איז געפּײַניקט געוואָרן אין געסטאַפּאָ. די רוצחים האָבן פון אים געוואָלט אַרויסבאַקומען די אַדרעסן פון די מענטשן, מיט וועלכע ער איז געווען פאַרבונדן אויף דער אַרישער זײַט. זיי האָבן אים אויך געפרעגט וועגן זײַן טעטיקייט פון דער לעצטער צײַט. רינגעלבלום האָט נישט געזאָגט גאָרנישט און דערפאַר האָבן אים די מערדערס געשלאָגן במשך פון דרײַ גאַנצע טעג. ער האָט מיר געוויזן ברוינע און בלאָע צייכנס אויפן גאַנצן לײַב, די צייכנס פון מערדערישע קלעפּ.

„אין מיטן געשפּרעך האָט ער מיר פּלוצלינג געשטעלט אַ פראַגע:

„— איז דער טויט אַ שווערער?

„און אַ ביסל שפּעטער האָט ער צוגעגעבן מיט אַ קול, געבראָכן פון יאוש:

„— וואָס איז שולדיק דער קליינער? — האָט ער ווידער מיטן פינגער געוויזן אויף דעם ייִנגל, — צוליב אים ווייטיקט מיר שטאַרק דאָס האַרץ!

„איך בין פאַר רינגעלבלומען געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענער. נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן . . .

. . . דעם דריטן טאָג, ווען מיר זענען פון די קאַמערן אַרויסגעפירט געוואָרן צו דער אַרבעט, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די ייִדן זענען שוין נישטאָ אין דער טויטן־קאַמער. פאַר טאָג האָט מען זיי אַרויסגעפירט אין די חורבות פון זאַמענהאָף־גאַס 19 און דאָרט זיי דערשאָסן.

עס איז קלאָר געווען, אַז רינגעלבלום איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די איבעריקע ייִדן און צוזאַמען מיט זײַן משפּחה . . .

אַזוי האָט פאַרענדיקט זײַן קורץ, פּראָדוקטיוו, שיין און שווער און מסירת־נפשדיק לעבן דער היסטאָריקער עמנואל רינגעלבלום!



סראָלקע קאַט (בוענאָס אײַרעס)

# די ראָלע פון וואַרשעווער ייִדן אין ביאַליסטאָקער געטאָ אויפשטאַנד

אַ גרויסן בײַטראָג צו די געטאָ־אויפשטאַנדן און צו דעם אַלגעמיינעם אַנטיפאַשיסטישן קאַמף האָבן געגעבן אין דער מלחמה איבערוואַנדערנדיקע פּאָליטיש־אַקטיווע וואַרשעווער, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה געווירקט אין לעבן פון לאַנד. סינדיקאַלע פירערס פון די לינקע ריכטונגען האָבן געמוזט בײַטן זייערע היימשטעט, ווו מען האָט זיי גוט געקענט אַלס אַזעלכע. בײַם אַרײַנגיין פון דער דײַטשער אַרמיי זענען ספּעציעל אַזעלכע קעמפער געוואָרן אויפגעזוכט און פאַרפּײַניקט צום טויט דורך דער געסטאַפּאָ, אַזוי אַז די איבערוואַנדערונג פון די פּאָליטיש־אַקטיווע מענטשן איז געווען כמעט אַ נויטווענדיקייט בײַ דעם הערשנדיקן טעראָר. אין אַנדערע ווינערטער האָבן די רעוואָלוציאָנערן געקענט פרײַער ממשיך זיין זייער קאַמף, קיינער זאָל אויף זיי נישט קענען אָנווײַזן. די איבערוואַנדערונג האָט זיך ספּעציעל געצויגן צו דער סאָוועטישער טעריטאָריע, ווו זיי האָבן זיך געקענט אויסלעבן פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך. אַ דאַנק דער איבערוואַנדערונג זענען צוגעקומען אין ביאַליסטאָק נײַע כוחות מיט סטאַזש אין פּאָליטישן קאַמף, וואָס האָבן זיך אויך געקענט פרײַער באַוועגן אַלס פרעמדע און דורך דעם האָבן זיי געבראַכט פיל נוצן פאַר דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. די שטאָטישע ביאַליסטאָקער רעוואָלוציאָנערן זענען צוליב מסירות אויפגעזוכט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ; די דײַטשע אויסראָטונגס־פּאָליטיק איז געוואָרן אויסגעפירט צו ערשט איבער די פּאָליטיש אַקטיווע מענטשן, ווי עס איז פיל מאָל באַשטעטיקט געוואָרן געשיכטלעך און דאָקומענטאַל.

אויך זענען פיל רעוואָלוציאָנערע קעמפערס סתם אומגעבראַכט געוואָרן אין מאַסנמאָרדן, דורך כאַפּונגען אויף דער גאַס, אָדער דורך אַרויסשלעפּן פון די הײַזער און מאָרדן אָן אונטערשייד ווען מען האָט נאָר געטראָפן. אויף דעם אופן זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין ביאַליסטאָק אַ גאַנצע ריי וואַרשעווער רעוואָלוציאָנערע טוערס אין די ערשטע טעג נאָכן אַרײַנמאַרש פון דער דײַטשער אַרמיי. די וואַרשעווער וואָס זייער אומקום אין ביאַליסטאָק איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, זענען: יאַנקל ביבעלהײַזער, געבוירן אין 1895 אין וואַרשע, פּסעוודאָנים „דאָס קליינע יאַנקעלע", פון פאַך אַ היטל־מאַכער, געווען סעקרעטאַר פון נאָדל־אַרבעטער־פאַראיין, פאַר דעם קריג אַ טוער אין דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי; חיים אייבעל, פּסעוודאָנים „וואַצעק", געבוירן אין 1905 אין וואַרשע, פון פאַך אַ שנײַדער, געוואָרן פאַרשפּאַרט אין תפיסה פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט פאַר דער מלחמה דורך דער פּוילישער סאַנאַציע־רעגירונג, באַקאַנט דורך זײַן העלדישער האַלטונג אין טורמע; קאַראָל אײַזענבערג, אַן אָנגעשטעלטער, לאַנגיאָריקער טוער פון לינקן ייִדישן האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פאַראיין אין וואַרשע, פירער פון פּראָגרעסיווע קינדער־אָרגאַניזאַציעס; הערשל בורשטין געבוירן אין 1908 אין וואַרשע, פאַרן קריג געווען קאָמענדאַנט פון דער פּראָלעטאַרישער זעלבשוץ, אַ טוער אין לינקן מאָלער־אַרבעטער־פאַראיין; אברהם לוקסעמבורג, קאָמיוגישער טוער פון וואַרשע; דוויד זאַכאַריאַש, לאַנגיאָריקער טוער פון לינקן טעקסטיל־אַרבעטער־פאַראיין.

ס'זענען אויך אומגעקומען די אַנטיפאַשיסטישע וואַרשעווער קעמפערס: וויערניק, יעקב קעניגסבערג, ישראל מוראַוויעץ, בורגין און משה טייבלום — אַ באַקאַנטער וואַרשעווער געזערד־טוער.

די ווירקונג פון די וואַרשעווער אין דער ביאַליסטאָקער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע פון געטאָ וואָלט געווען אַ פיל גרעסערע ווען די אַלע אויסגערעכנטע וואַרשעווער פּראָגרעסיווע טוערס און נאָך פיל אַנאָנימע וואָלטן דורך די מאַסן־כאַפּונגען נישט אַרײַנגעפאַלן אין די נאַצישע הענט. בלויז וויניק וואַרשעווער קעמפערס, וואָס האָבן באַוויזן איבערצולעבן די ערשטע מאַסן־מאָרדן אין ביאַליסטאָק, זענען שפּעטער געוואָרן די העלדן און איניציאַטאָרן פון אַנטיפאַשיסטישן קאַמף אין געטאָ־אויפשטאַנד. און אַז ס'איז פאַקטיש אַזוי געווען, זעען מיר פון דעם, וואָס די וואַרשעווער האָבן פאַרנומען די וויכטיקסטע פּאָסטנס ווי די קאָמענדאַנטן פון אויפשטאַנד און מיטגלידער פון קאָמיטעט. אַ סך פון זיי זענען שפּעטער געפאַלן אין העלדישן קאַמף קעגן פאַשיזם ווי געטאָ־אויפשטענדלערס און אויך אין פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד, געשאַפן דורך דעם ביאַליסטאָקער אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. מען דאַרף נאָך צורעכענען פיל קעמפערס, וואַרשעווער, וואָס איך געדענק נישט זייערע פאַמיליע־נעמען. זאָלן די עטלעכע ווערטער וועגן זיי בײַטראָגן צו זייער אייביקן רום און צום כבוד פון זייער אָנדענק.

איך וועל אויסרעכענען עטלעכע נעמען, וואָס זענען מיר געבליבן אין זכרון:

דניאל מאָשקאָוויטש, פּסעוודאָנים „יעזשי", קאָמענדאַנט פון ביאַליסטאָקער געטאָ־אויפשטאַנד. געבוירן אין וואַרשע אין 1905, פאַרן קריג אַקטיוו אין קפּ"פּ, אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער. בעתן דורכמאַכן די פּוילישע מיליטער־דינסט געווען אויסגעצייכנט אַלס אונטעראָפיציר. פאַרלאָזנדיק וואַרשע אין 1939, נאָך דעם ווי די נאַציס האָבן אָקופּירט די שטאָט, באַזעצט זיך מאָשקאָוויטש אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, כדי זיך אויסלעבן פרײַ און אויך כדי צו געבן זײַן צושטײַער דעם סאָוועטישן פאָלק אין דער באַפרײַונגס־מלחמה, וואָס איז נאָך פאָרגעשטאַנען אין קאַמף מיטן נאַציזם. דער פּלוצלונגדיקער אָנפאַל פון די נאַציס אויפן ראַטן־פאַרבאַנד האָט פאַרכאַפּט דניאל מאָשקאָוויטשן. דניאל איז שוין

געבליבן שטעקן אונטער דעם נאַציזם אין ביאַליסטאָקער געטאָ. אַליין אַ לונגער־קראַנקער, וואָס מוז בלײַבן פיל טעג אין בעט, שטעלט זיך דניאל נישט אָפּ פאַר קיין שום זאַך, וואַרפט זיך אַרײַן מיט ברען אין דער אונטערערדישער אַרבעט, צו אָרגאַניזירן דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. זינט די ערשטע טעג ווערט גלײַך דניאל באַשטימט פאַרן קאָמענדאַנט פון דער קאַמפּס־אָפּטיילונג וואָס ווערט געשאַפן בײַם קאָמיטעט. ער גיט פיל צײַט אַוועק כדי אויסצושולן די חברים צום קאַמף, צוגרייטנדיק פיל מענטשן וואָס האָבן פריִער נישט געוווּסט ווי מען באַגייט זיך מיט געווער. מאָשקאָוויטש גייט אויך אַרויס אויסערן געטאָ, אײַנשטעלנדיק זײַן לעבן, כדי צו שאַפן געווער. ער פירט אַרײַן געווער אין זעקלעך מעל און אין פורן האָלץ. מאָשקאָוויטש ווירקט מיט, אַ דאַנק זײַן פערזענלעכקייט, צו צונויפגיסן אַלע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס פון געטאָ אין איינער, כדי צו צוגרייטן דעם געטאָ־אויפשטאַנד. אין דער דיסקוסיע, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער באַוועגונג וועגן די פאָרמען פון קאַמף, איז דניאל געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון קאַמף דירעקט אין געטאָ און נישט פון גיין אין פּאַרטיזאַנקע. ער מאָטיווירט עס אַזוי: מיר האָבן נישט קיין רעכט איבערצולאָזן אויף הפקר 50 טויזנט ייִדן און אַליין זוכן אַ וועג זיך צו ראַטעווען. אויף דער לעצטער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט פאַרן אויסבראָך פון געטאָ־אויפשטאַנד, שפּעט אין דער נאַכט פון 15 אויפן 16טן אויגוסט 1943, איז דניאל מאָשקאָוויטש אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן קאָמענדאַנט פון געטאָ־אויפשטאַנד, צוזאַמען מיט מרדכי טענענבוים. זיי צייכענען גלײַך אָן די פּלענער פון קאַמף. דעם זעלבן פאַרטאָג הייבט זיך אָן דער קאַמף אויף טשעפּלע־גאַס. מאָשקאָוויטש האָט זיך געהאַלטן רויִק בײַם קאַמף און זיך נישט גערעכנט מיט זײַן שוואַכן געזונט. ווען דער קאַמף איז שוין געווען שוואַכער און האָט אָנגעוואָרן דעם פאַרנעם, האָט די אָרגאַניזאַציע פאָרגעלייגט מאָשקאָוויטשן אַריבערצופירן אים אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנערס. זײַן ענטפער איז געווען: כל זמן ס'איז דאָ איין ייִד אין געטאָ, פאַרלאָז איך נישט דעם פּאָסטן. אויב פאַלן, וועל איך צוזאַמען מיט אַלע.

געפינענדיק זיך אין אַרומרינגלונג האָט דניאל מאָשקאָוויטש זיך גענומען דאָס לעבן דורך אַריינשיסן די לעצטע קויל אין זיך, כדי נישט אַרײַנצופאַלן אַ לעבעדיקער אין די נאַצישע לאַפּעס. געשען איז דאָס אין הויז פון שטאַב, אויף טשעפּלע 13.

צום זעקסטן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָט די פּוילישע פאָלקס־רעגירונג אויסגעצייכנט דניאל מאָשקאָוויטשן מיט דעם מלוכה־אָרדן „גרונוואַלד־קרייץ", דריטע קלאַס.

מרדכי טענענבוים פּסעוודאָנים „טאַמאַראָף", קאָמענדאַנט פון ביאַליסטאָקער געטאָ־אויפשטאַנד. געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1916 ביי רעליגיעזע עלטערן. ער ווערט באַאײַנפלוסט דורך דער ציוניסטישער באַוועגונג, אין וועלכער ער איז אַקטיוו די גאַנצע צײַט. ער לערנט פיל אָריענטאַלישע שפּראַכן. פון צײַט צו צײַט גיט זיך מרדכי אָפּ מיט ליטעראַרישע אַרבעטן. פאַר דער צײַט פון קריג האָט ער אָנגעשריבן פיל ווערטפולע דאָקומענטן, וועלכע זענען שפּעטער געפונען און פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

נאָכן אָקופּירן וואַרשע דורך די נאַציס אין 1939 זענען פיל פון דער ציוניסטישער יוגנט אַריבער אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, זײַענדיק זיכער אַז דאָרטן וועלן זיי זיך קענען אויסלעבן פרײַ במשך פון דעם קריג, מיטן אויסקוק אויף איבערלעבן די שווערע צײַט. דער אָנפאַל פון די נאַציס אויפן ראַטן־פאַרבאַנד, אין יאָר 1941, האָט פאַרכאַפּט מרדכי טענענבוימען אין ווילנע. די שנעלע אַרומרינגלונג פון ווילנע האָט אָפּגעשניטן דעם וועג צו גיין טיפער אין דער סאָוועטישער טעריטאָריע. טענענבוים מאַכט זיך אַ פאַלשן פּאַס אויפן נאָמען פון „טאַמאַראָף", אַלס טאַטאַר, און ער הייבט אָן אַרבעטן אומלעגאַל. ער פאָרט איבער פאַרשידענע שטעט פון גאַנץ פּוילן, כדי אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט פאַרשידענע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס. אין וואַרשע אַרבעט ער מיט מיט יוסף לעוואַרטאָווסקין אין „רוף", און ווערט באַשטימט אַלס מיטגליד פון קאָמיטעט פאַר מיליטערישע ענינים. ער ווערט געשיקט אויך אַלס דעלעגאַט און פאָרשטייער אונטערצוהאַנדלען וועגן געווער און צוזאַמענאַרבעט מיט דער פּוילישער אונטערערד אויסערן געטאָ, מיט די מענטשן פון גענעראַל שיקאָרסקי און אויך מיט דער אַרבעטער־פּאַרטיי פּפּ"ר. מיט אַ גרויסן סטאַזש פון קאָנספּיראַטיווער אַרבעט קומט אָן מרדכי טענענבוים אין ביאַליסטאָקער געטאָ, ווי אַ שליח פון וואַרשעווער געטאָ. טאַמאַראָף קומט מיט דעם אויסגעשמידטן געדאַנק פון קאַמף. די ציוניסטישע יוגנט לעבט אין געטאָ צוזאַמען, אין קיבוץ תל־חי. אין דעם קיבוץ שפּיגלט זיך אָפּ די אַקטיוויטעט פון דער דרור־יוגנט, אין שפּיץ פון וועלכער עס שטייט מרדכי טענענבוים. אין אַ דיסקוסיע אין דעם קיבוץ, אָנגעפירט דורך טענענבוימען, וואָס איז פאָרגעקומען און פאַרפּראָטאָקאָלירט געוואָרן ווערטלעך, דריקט זיך אויס טענענבוים: עס איז גוט וואָס לכל הפּחות די שטימונג איז אַ גוטע. ליידער וועט די דאָזיקע פאַרזאַמלונג נישט זײַן אַזאַ פריילעכע. די פאַרזאַמלונג איז, אויב איר ווילט, אַ היסטאָרישע, אָבער געוויס אַן אומעטיקע. דאָס הייפל מענטשן וואָס זיצן דאָ זענען די לעצטע חלוצים פון פּוילן, אַרום אונדז זענען פאַראַן בלויז טויטע. איר ווייסט וואָס עס האָט געהאַט אַן אָרט אין וואַרשע: קיינער איז נישט געבליבן. דאָס זעלבע אין בענדין, טשענסטעכאָוו, און וואָרשײַנלעך אומעטום. מיר זענען עס די לעצטע. עס איז נישט קיין איבעריק אָנגענעם געפיל צו זײַן דער לעצטער. דאָס איז אַ באַזונדערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר מוזן הײַנט דעצידירן וואָס וועלן מיר טאָן מאָרגן; זיצן צוזאַמען אין אַ שטילינקער אַטמאָספער פון זכרונות האָט נישט קיין זין, צוזאַמען און דווקא בציבור וואַרטן אויפן טויט — אויך נישט. אָט וואָס טוען מיר? מיר קענען טאָן צוויי זאַכן: באַשליסן אַז מיטן ערשטן ייִד וועלכן מען וועט איצטער אַרויספירן פון ביאַליסטאָק, וועלן מיר אָנהייבן אַ ווידערשטאַנד־אַקציע, אַז פון מאָרגן גייט נישט קיינער אין די פאַבריקן, אַז מען וועט נישט טאָרן אין דער צײַט פון דער אַקציע זיך באַהאַלטן. אַלע מענטשן וועלן זיין פאַרפליכטעט צו אונדזער אַרבעט. מיר קענען באַווײַזן אַז קיין איין דײַטש זאָל פון געטאָ נישט אַרויסגיין, אַז קיין איין פאַבריק זאָל נישט בלײַבן גאַנץ. עס איז נישט אויסגעשלאָסן אַז נאָכן דערפילן די אויפגאַבע קען מען צופעליק בלײַבן לעבן. אָבער שלאָגן זיך ביזן סוף, ביז צום טויט. מיר קענען דעצידירן אַז מיר גייען אַרויס אין וואַלד. לאָמיר רעאַל באַטראַכטן די מעגלעכקייט". צום סוף פון דער דיסקוסיע רעזומירט טענענבוים דאָס אַרויסגעזאָגטע וועגן דער ווײַטערדיקער אַרבעט: „די שטעלונג פון די חברים איז קלאָר; מיר ווילן אַלץ טאָן אַרויסצופירן וואָס מער מענטשן צום פּאַרטיזאַנישן קאַמף אין וואַלד. איטלעכער פון אונדז, וואָס וועט זיך אין דער צײַט פון דער אַקציע געפינען אין געטאָ, מוז רעאַגירן בײַם ערשטן אַרויסגעפירטן ייִד. מיר מוזן נישט צווישן זיך דינגען וועגן לעבן. מען דאַרף פאַרשטיין די אָביעקטיווע באַדינגונגען. די וויכטיקסטע זאַך ביז דער לעצטער רגע איז איינהאַלטן דעם כאַראַקטער און דעם שטאָלץ פון דער באַוועגונג". לויט דעם פאַרנעם פון דער דיסקוסיע, הייסט עס, איז נאָך אַלץ געשטאַנען די פראַגע וועגן וואָס שוין טאָן? עס האָט נאָך געפעלט דער קאַמפּס־באַוווּסטזיין בײַם גרעסטן טייל פון דער דרור־יוגנט אין קיבוץ. אין אַלגעמיין איז נאָך די ציוניסטישע יוגנט פון דרור (מען האָט זי אויך גערופן בלאָק ב.) געווען פאַר־

בונדן מיט דעם יודענראַט. זייערער אַ מיטגליד, יצחק ענגעלמאַן, אַ װאַרשעװער, איז געװען דער היטער פון יודענראַט־עלטסטן באַראָש. נישט איינער אין געטאָ האָט פון יצחק ענגעלמאַנען באַקומען געשלאָגן. צוליב ענגעלמאַנען און נאָך אַנדערע פאַרבינדונגען מיטן יודענראַט האָט אַ לאַנגע צײַט נישט געקענט פאָרקומען קיין קאַמף־פאַראייניקונג מיטן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. דער באַדינג פאַר אַ פאַראייניקונג איז געװען, אַז ענגעלמאַן זאָל איבעררײַסן זײַן שמוציקע אַרבעט אין יודענראַט. שפּעטער, װען דער דרור האָט צוריקגעצויגן ענגעלמאַנען פון יודענראַט, איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג. אין אַלגעמיין האָט מרדכי טענענבוים נישט געהאַט קיין אָפיציעל קעגנערישע שטעלונג צום יודענראַט װי צו אַ קאָלאַבאָראַציאָניסטישער אינסטיטוציע. נאָר מרדכי האָט אויסגעטיילט פאַרשידענע יודענראַט־פירערס װי שלעכטע אָדער גוטע. לויט װי פּראָפ׳ בער מאַרק װײַזט אָן אין זײַן בוך „דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ” (אַרויסגעגעבן דורך דעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין װאַרשע), האָט טענענבוים געהאַט גענומען געלט עטלעכע מאָל בײַ באַראָשן. אַזאַ שטעלונג און אַזאַ קאָנטאַקט האָבן אָפּגעשװאַכט דעם קאַמפסגײַסט בײַ דער ציוניסטישער יוגנט. דערפון נעמט זיך אויך װאָס מיטגלידער פון דרור זענען געװען פאַרטראָטן אין יודענראַט. אויך דערפאַר איז די פאַראייניקונג פון אַלע קאַמפסגרופּעס געקומען שפּעט. אָבער טענענבוים איז געװען פון די, װאָס האָבן געפאָדערט אַ װידערשטאַנד און אַ קאַמף. ער האָט אין זיך אויסגעשמידט דעם קאַמפסגעדאַנק אַ דאַנק זײַן באַװעגן זיך אין פאַרשידענע שטעט פון פּוילן, װוּ ער האָט געזען די פאַרניכטונגס־אַרבעט פון די דײַטשן און אויך אַ דאַנק דעם װאָס צו אים זענען אַרײַנגעפאַלן פיל דאָקומענטן פון טרעבלינקע. אויף דער לעצטער זיצונג פון פאַראייניקטן קאַמפס־קאָמיטעט, אין דער נאַכט פון 15טן אויפן 16טן אויגוסט 1943, איז מרדכי טענענבוים אויסגעקליבן געװאָרן אַלס קאָמענדאַנט פון געטאָ־אויפשטאַנד. ער און מאָשקאָװיטש האָבן זיך, װי געזאָגט, גלײַך גענומען שאַפן דעם פּלאַן פון קאַמף. באַלד אין דער פרי איז אויסגעבראָכן דער װידערשטאַנד. װען דער געטאָ־אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אויסצולעשן, האָט מען פאָרגעלייגט טאַמאַראָפן צו גיין אין װאַלד, אָבער זײַן ענטפער איז געװען: „איך האָב געשטויסן צום קאַמף, און איצט װעל איך זיך ראַטעװען? ניין! איך בלײַב אין קאַמף. קיין געװער האָבן מיר נישט. יידן! נעמט האַלץ, צינדט אונטער די שטיבער”. גענוי װייס מען נישט טאַמאַראָפס סוף. קלאַנגען זאָגן אַז אויף דער גאַס טשעפּלע 13, װוּ עס האָט זיך געפונען דער שטאַב, זענען ביידע קאָמאַנדירן באַגאַנגען זעלבסמאָרד, כדי נישט אַרײַנצופאַלן קיין לעבעדיקע אין שונאס הענט. די פּוילישע רעגירונג האָט אויסגעצייכנט מרדכי טענענבוימען מיט אַ מלוכה־אָרדן.

יהודית נאָװאָגרודסקי, פּסעוודאָנים „יודיטע”, אָנפירערין פון אַן אייגענער קאַמפס־ און פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין געטאָ. געבוירן אין װאַרשע, איז זי פאַר דער מלחמה געװען אַקטיװ אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע זייער ענערגישע און װילנפעסטע יונגטלעכע איז פיל מאָל געװאָרן אַרײַנגעװאָרפן אין תפיסה דורך דער פּוילישער סאַנאַציע־רעגירונג, װאָס דאָס האָט געװירקט צו צעברעכן איר געזונט, אָבער נישט איר גײַסט. נאָכן פאַרלאָזן די דורך די נאַצי אָקופּירטע היימשטאָט, קומט אָן יודיטע אין דעם באַפרײַטן ביאַליסטאָק. זי פירט אַ גליקלעך לעבן, ביז די נאַציבאַרבאַרן פירן אויס זייער צוגעגרייטן פּלאַן, דעם אָנפאַל אויפן ראַטן־פאַרבאַנד. זיי אָקופּירן ביאַליסטאָק, מאָרדן אויס טויזנטער אומשולדיקע יידן און שאַפן דאָס געטאָ, אין װעלכן יודיטע הייבט װידער אָן איר אומלעגאַלע אַקטיװיטעט. אין דעם ערשטן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט װערט יודיטע באַשטימט אַלס אָנפירערין פון דער יוגנט, װאָס דאָס איז געװען צוגעפּאַסט צו איר טעמפּעראַמענט. די יוגנט אין געטאָ איז געװען אַ ברויזנדיקער ים ענערגיע; מען האָט געדאַרפט נאָר װיסן װי אַזוי זיך צו באַגיין, װי אַזוי צו פירן די כװאַליעס ענערגיע פון דער יוגנט אויפן געהעריקן װעג, זיי זאָלן דורכרײַסן די צוימען און דערגיין צום זיג. אַרום דער פּראָבלעם זענען פאָרגעקומען שװערע דיסקוסיעס, װאָס האָבן דערפירט צו אַ שפּאַלטונג אין דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט פון ביאַליסטאָקער געטאָ. יודיטע, אַלס אָנפירערין פון דער יוגנט, האָט געפאָדערט פון קאָמיטעט אַ גרעסערע ענערגיע כדי צו שאַפן אַ גרויס פּאַרטיזאַנישע באַװעגונג, אַרויסשיקן מער יוגנט אין די װעלדער, צום קאַמף. דער קאָמיטעט איז געשטאַנען גיכער אויפן שטאַנדפּונקט פון געטאָ־אויפשטאַנד. די יוגנט האָט געפאָדערט דורך דער פּערזאָן פון יודיטע מער ממשותדיקע טאַטן. יודיטע איז דאַן מיט אַ גרויסער גרופּע אַרויסגעטראָטן פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט און האָט געשאַפן אַ באַזונדערע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, װעלכע מען האָט גערופן יודיטעס גרופּע. יודיטע האָט אַרײַנגענומען אין איר קאַמפסגרופּע מענטשן פון אַלע שיכטן און קלאַסן; זי האָט באַװירקט סײַ דיפּלאָמירטע מיטן ד״ר־טיטל און סײַ אונטערװעלטניקעס און האָט זיך אויך ניט גערעכנט מיט פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. איר האָט געקענט געפונען אין יודיטעס גרופּע ציוניסטן און קאָמוניסטן. אַלעמען װעמען עס האָט פאַראייניקט דער לאָזונג און דער געדאַנק פון קאַמף קעגן נאַציזם האָט יודיטע געגעבן די מעגלעכקייט צו קעמפן אין אירע רייען. דערפאַר האָבן זיך אין איר אָרגאַניזאַציע אין אַ קורצער צײַט אָנגעזאַמלט פיל קעמפערס, בײַ װעלכע זי איז פאַרװאַנדלט געװאָרן, אַ דאַנק איר ענערגיע אין מעשים, אין אַ לעגענדאַרער פיגור. זייער גיך שאַפט יודיטע אַ קאָנטאַקט מיט סאָװעטישע פּאַרטיזאַנערס פון אַרום די ביאַליסטאָקער װעלדער. זי פאַרבינדט זיך מיט דער גרופּע פון באַקאַנטן פּאַרטיזאַנישן קאָמאַנדיר אַפאַנאַסעװיטש, װעלכער האָט אָנגעפירט מיט אַ סאָװעטישער גרופּע. יודיטע האָט אַרויסגעשיקט אין װאַלד אַריין די ערשטע גרופּע פון ביאַליסטאָקער געטאָ צו אַ יידישע פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג. די ערשטע גרופּע האָט געװויסע שװעריקייטן, צוליב װייניק דערפאַרונג אין װאַלדלעבן און בײַ דער ערשטער שלאַכט מיט די דײַטשן װערט זי צעקלאַפּט, און די איבערגעבליבענע קערן זיך אום צוריק אין געטאָ. דאָס שטעלט אָבער נישט אָפּ די װײַטערדיקע אָרגאַניזירונג. אַ צװייט מאָל, אין אַ קורצער צײַט שפּעטער, װערט אַרויסגעשיקט אַן אַנדער גרופּע, װאָס הייבט אָן די שלאַכט בײַם אַרויסגיין פון געטאָ (דורך אַ עפענונג אין אַ ספּעציעלן אָרט אין דער פאַרצאַמונג). דער דײַטשער װאַכמאַן האָט זיי באַמערקט און געהייסן בלײַבן שטיין. עס װערט באַלד געשאָסן אין אים און ער פאַלט אַ פאַרװוּנדעטער. די גרופּע פאַרפירט אַ שלאַכט מיט דער װאַך און ציט זיך צוריק. אַ טייל בלײַבן אויסערן געטאָ און אַ טייל באַװײַזט נישט אַרויסצוגיין צוליב דער שיסערײַ. דאָס דריטע מאָל גייט אַרויס אַ גרופּע און באַװייזט זיך אײַנצואָרדענען. דער סאָװעטישער פּאַרטיזאַנישער קאָמאַנדיר אַפאַנאַסעװיטש טיילט אויס פאַר דער יידישער קאַמפסגרופּע אַן אָנפירער מיטן נאָמען סאַשאַ, אַ סאָװעטישער בירגער, אַ רוס, זייער אַן ענערגישער און פעיִקער, װעלכער פירט אָן מיט דער גרופּע. עס הייבט זיך אָן אַ נײַ תקופה פון קאַמף פאַר דער יידישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. עס װערן שטופּנװײַז צוגעשיקט אין װאַלד נײַע קאַדרען פון געטאָ און אויך מעדיקאַמענטן אין דער זעלבער צײַט זענען אָנגעגאַנגען כסדרדיקע אונטערהאַנדלונגען מיט יודיטען װעגן צוריק אַרײַנטרעטן אין דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך געענדיקט מיט פּאָזיטיװע רעזולטאַטן ערשט האַרט פאַרן אויפשטאַנד. עס האָבן

זיך פאַראייניקט די גרופּעס אין געטאָ און אַ דאַנק דעם איז אויך געקומען צו אַ פאַראייניקונג אין וואַלד צווישן ביידע גרופּעס פון זעלבן געטאָ, וועלכע האָבן געקעמפט באַזונדער. נאָך דעם צושטאַנד געקומענער פאַראייניקונג איז געוואָרן קאָמאַנדיר איבער ביידע גרופּעס סאַשאַ סוכאַטשעווסקי (יעזשי) פון ווארשע (זע וועגן אים די אַרבעט אין „פּנקס ווארשע"). אין אויפשטאַנד האָט יודיטע געקעמפט אין שפּיץ פון אַ גרופּע, וועלכע איז געווען גרייט אַרויסצוריַיסן זיך פון דער געטאָ־פאַרצוימונג און פון דער אַרומרינגלונג. עטלעכע מאָל האָט יודיטע אָנגעהויבן צו אַטאַקירן די דיַיטשן, אָבער מיט גרויסע פאַרלוסטן פאַר דער גרופּע איז זי אָפּגעשטויסן געוואָרן. בעת דעם לעצטן קאַמף בײַם דורכריַיסן די פאַרצוימונג און אַרומרינגלונג איז עטלעכע געלונגען אַרויסצוקריגן זיך, אָבער יודיטע איז העלדיש געפאַלן און האָט נישט באַוויזן דערגרייכן איר ציל, אָנצוקומען אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנערס, וועלכע זי גופא האָט מיט אַזוי פיל ענערגיע פריִער צוגעגרייט.

לייבוש מאַנדעבליט, געבוירן אין ווארשע אין 1904. פון פאַך איז ער אַ שוסטער־אַרבעטער, געווען פאַר דעם אויסבראָך פון קריג אַן אַקטיווער טוער אין פּפּ"ר און אַן אָנפירער פון פיל שטריַיקן, וועלכע פלעגן זיך אַ מאָל ענדיקן מיט אַרעסטן און תפיסה. דאָס האָט לייבוש מאַנדעבליטן קראַנק געמאַכט. ער איז געווען אַ שטענדיקער מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון לינקן לעדערפאַראיין. אַ פלאַמיקער מאַסן־רעדנער וואָס פלעגט באַווירקן די פאַרזאַמלונגען. נאָכן אָקופּירן ווארשע דורך די נאַציס איז לייבוש מאַנדעלבליט אַוועק פון דער הויפּטשטאָט. ער גייט אַריבער אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע און אַרבעט ביז דעם אָנפאַל פון דער נאַצי בעסטיע אויפן ראַטן־פאַרבאַנד. פאַרן אָנפאַל איז לייבוש געבליבן שטעקן אויף דער טעריטאָריע פון אָקופּאַנט. האָט ער זיך ווידער גענומען צו זיַין אונטערערדישער אַרבעט מיט דער עקספּעריענץ פון פאַרן קריג. אַליין פיזיש קראַנק איז מאַנדעלבליט ענערגיש און מיטרייסנדיק. ער איז איינער פון די ערשטע מיטגלידער אין אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. ער הייבט זיך אַרויס בײַם געבן הילף די סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע. פיל מאָל ווערט ער געשיקט אַלס דעלעגאַט אָנטייל צו נעמען אין די שמועסן בײַם פאַראייניקן אַלע קאַמפּסגרופּן אין געטאָ. ער נעמט אויך אָנטייל אין דער לעצטער זיצונג פון פאַראייניקטן קאָמיטעט פון אַלע קאַמפּסגרופּעס ווו עס ווערט באַשטימט דער אָנהייב פון אויפשטאַנד. ער באַטייליקט זיך אין קאַמף אויף טשעפּלע־גאַס, ווערט פאַרוווּנדעט און קעמפט וויַיטער אַ פאַרוווּנדעטער בײַם ליקווידירן דעם געטאָ־שפּיטאָל, ווו ער פאַלט העלדיש.

חנוך זשעלאַזנאָגוראַ, געבוירן אין ווארשע, געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דרור. נאָך דער אָקופּאַציע פון דער דיַיטשער אַרמיי גייט אַריבער זשעלאַזנאָגורא צוזאַמען מיט נאָך חברים דעם טיַיך בוג, קומט אָן אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע אויף וועלכער ער לעבט און אַרבעט ביזן אָנפאַל פון די דיַיטשן אויפן ראַטןפאַרבאַנד. זשעלאַזנאָגורא באַוויַיזט שוין נישט אַרויסצודרייען זיך פון די נאַצישע לאַפּעס און ער בליַיבט אין ביאַליסטאָקער געטאָ. ער לעבט צוזאַמען און קאָלעקטיוו אין קיבוץ תל חי, אָרגאַניזירט דורך דער דרור־יוגנט. אַלע דיסקוסיעס און באַשטימונגען קומען פאַר אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון קאָלעקטיוו. חנוך זשעלאַזנאָגורא טרעט שטענדיק אַרויס פאַרן אַקטיוון ווידערשטאַנד. אין זיַין וואָרט אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, וואָס איז געוואָרן פאַרפּראָטאָקאָלירט דורך מרדכי טענעבוימען, דריקט זיך אויס חנוך זשזעלאַזנאָגורא: „עס זענען נישטאָ קיין שום אילוזיעס, עס דערוואַרט אונדז דאָ אַ ליקווידאַציע ביזן לעצטן ייִד. מיר האָבן פאַר זיך צוויי מעגלעכקייטן פון טויט. דער וואַלד איז נישט קיין רעטונג און אויף זיכער וועט נישט זיַין קיין רעטונג אונדזער אַרויסטריט אין געטאָ. עס איז אונדז געבליבן ווירדיק צו שטאַרבן. די פּערספּעקטיוון פון אונדזער אויפשטאַנד זענען קליינע. איך ווייס נישט צי מיר האָבן גענוג מיטלען צום קאַמף, עס איז די שולד פון אונדז אַלעמען, וואָס די מיטלען זענען אַזוי קליין, אָבער פאַרפאַלן, מיר מוזן אַזוי אויך גיין."

ביאַליסטאָק וועט ווערן אין גאַנצן ליקווידירט, אַזוי ווי אַלע אַנדערע ייִדישע שטעט. אויב אין דער ערשטער אַקציע זענען רעספּעקטירט געוואָרן די ציַיגענישן פון די פאַבריקן, גלייבט נישט אַז דאָס מאָל וועט זיַין דאָס זעלביקע. עס איז פאַרשטענדלעך אַז אין וואַלד איז דאָ מער נקמה־מעגלעכקייטן, אָבער מיר טאָרן אַהין נישט גיין כדי צו לעבן אויפן חסד פון פּויער, קויפן זיך עסן און לעבן־מיטל פאַר געלט. גיין אין וואַלד אַריַין הייסט גיין צו אַקטיווער פּאַרטיזאַנקע. צו דעם זענען אומבאַדינגט נייטיק געהעריקע כלי־זין. אונדזער געווער איז נישט צוגעפּאַסט צום וואַלד, אויב עס וועט אונדז בלייבן אַ געוויסע ציַיט, דאַרף מען געפינען וואָפן און גיין אין וואַלד. אויב עס וועט אויסברעכן אַן אַקציע, זענען מיר מחויב צו ענטפערן בײַם ערשטן אַרויסגעפירטן ייִד.

חנוך זשעלאַזנאָגוראַ איז פון די מיטגלידער אין קיבוץ וואָס רופט צום אַקטיוון ווידערשטאַנד. ער איז זייער אַקטיוו אין געטאָ בײַם שאַפן געווער. דורך פאַרשידענע וועגן שאַפט חנוך געווער פאַר דער באַוועגונג. ער לערנט זיך אויס אין געטאָ ווי מען באַגייט זיך מיט געווער און די מעטאָדן פון שלאַכט. חנוך איז געפאַלן קעמפנדיק אין געטאָ־אויפשטאַנד. צווישן די 72 קעמפערס וועלכע מען האָט אויפגעדעקט אין בונקער אויף כמיעלנע־גאַס 7. דער בונקער איז געווען אַ צוגעגרייטע פּאָזיציע פון דער ווידערשטאַנדבאַוועגונג, וואָס איז לויט אַ געוויסע השערה געוואָרן פאַראַטן און אַרויסגעגעבן. אַלע קעמפערס וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען מיט געווער זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די דיַיטשן. עס איז מעגלעך, אַז נאָך פיל ווארשעווער זענען געווען אין זעלבן ברונעם־בונקער. נישט אַלע פאַמיליע־נעמען זענען באַוווּסט.

די פאַמיליע ליכטענשטיין. יאָסל ליכטענשטיין איז געקומען אין דער סאָוועטישער ביאַליסטאָק פון דער אָקופּירטער ווארשע, מיט זיין פרוי און זון. זיי האָבן זיך איַינגעאָרדנט און געפירט אַ גליקלעך לעבן, ביז די נאַצי־באַנדיטן האָבן דורך זייער אָנפאַל אויפן ראַטן־פאַרבאַנד צעשטערט נאָך אַ מאָל ליכטנשטיינס נאָרמאַלן לעבן. זייער וווינונג אויף רוזשאַנסקי־גאַס אָדער לינת־הצדק־געסל, ווי מען פלעגט עס רופן אויף ייִדיש, איז געוואָרן די שטוב פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. עס פלעגן קומען שטענדיק חברים אדורכפירן זיצונגען, אָדער אַזוי שמועסן. די פרוי פייגע פלעגט שטענדיק אַלעמען מכבד זיין מיט אַ טעלער זופּ, וואָס איז אין יענער ציַיט בײַ אַ גרויסן טייל געווען די איינציקע שפּיַיז. אַלע האָבן געפונען אַ טרייסט בײַ די חברים און אין זייער שטוב. יאָסל ליכטנשטיין איז געווען פאָרזיצער פון לינקן האָלץ־פאַראיין אין ווארשע און אויך מיטגליד אין קפּפּ"ר פאַרן קריג. אין געטאָ איז יאָסל ליכטנשטיין געווען סעקרעטאַר פון קעמערל פון זיַין גאַס. יאָסל פלעגט כסדר מוטיקן און רופן צום קאַמף. זיַין זון מנשה איז געשיקט געוואָרן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אין דעצעמבער 1943 צו קעמפן אַלס פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער אַרום ביאַליסטאָק. מנשה פאַלט אין קאַמף אַלט זייענדיק 17 יאָר. יאָסל ליכטנשטיין קעמפט אין געטאָ־אויפשטאַנד אויף טשעפּלע־גאַס און פאַלט אין קאַמף צוזאַמען מיט זיין פרוי פייגע.

אהרן אסקאָלא פּסעוודאָנים „אַרטור", געבוירן אין וואַרשע. פון די יינגסטע יאָרן געווען אַקטיוו אין די קאָמוניסטישע קרייזן. געענדיקט א הויכשול אין וואַרשע, געווען א גוטער רעדנער. אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז אהרן אסקאָלא געווען פון די ערשטע ביים גרינדן די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע. נוצט אויס זיין פּאָסטן פון אַדמיניסטראַטאָר אין באַדאַנשטאַלט פון געטאָ אויף דורכצופירן אומלעגאַלע זיצונגען פון קאָמיטעט. האָט אויך איינגעאָרדנט ביי זיין אַרבעטפּלאַץ א געהיימע דרוקעריי פון וואַנען עס פלעגט אַרויסגיין און פאַרשפּרייט ווערן די געהיימע ליטעראַטור. אין געטאָ־אויפשטאַנד, ווערט אהרן אסקאָלא באַשטימט צו קעמפן אויף טשעפּלע־גאַס, אַלס אָנפירער פון א גרופּע ווו ער פאַלט העלדיש קעמפנדיק.

פראַנקע פרענקעל א טעקסטיל־אַרבעטערין, געבוירן אין וואַרשע. אין געטאָ־אויפשטאַנד געקעמפט אויף יוראָוויעצקי־גאַס, שפּעטער ציט זי זיך צוריק און קעמפט צוזאַמען אין שטאַב אין איינעם מיט די קאָמאַנדירן. זי פאַלט העלדיש קעמפנדיק אין דער לעצטער שלאַכט.

זנאַמיראָווסקא, געבוירן אין וואַרשע. האָט געאַרבעט אַלס טעכנישע סעקרעטאַרין אין ביאַליסטאָקער געסטאַפּאָ. האָט אויסגענוצט איר פּאָסטן און איבערגעגעבן אינפאָרמאַציעס דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ וואָס איז פיל צוניץ געקומען.

טעמע שניידערמאַן און האַנקע קאַזשיבראָדסקי געבוירן אין וואַרשע, האָבן געאַרבעט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און געוווינט אין קיבוץ תל חי. האָבן זיך פאַרנומען אין דער צייט פון געטאָ מיטברענגען חלוצים פון זייער אָרגאַניזאַציע פון ווילנע קיין ביאַליסטאָק. די אַריבערפירונג האָט געמאַכט א דייטש מיטן נאָמען אַנטאָן שמידט, א קאָמוניסט פון ווין, א פעלדפעבל אין דער דייטשער אַרמיי. האַנקע קאַזשיבראָדסקי קעמפט אין געטאָ־אויפשטאַנד און פאַלט העלדיש.

חיים ישראל בערמאַן און מאָניעק קראַמאַרזש געבוירן אין וואַרשע, קעמפן אין געטאָ־אויפשטאַנד פון ביאַליסטאָק אויף דער פּאָזיציע פון יוראָוויעצקי־גאַס, ווערן אַרומגערינגלט אין א הויז דורך דייטשן און באַוואָרפן מיט גראַנאַטן.ביידע קעמפערס קומען אום אין די פלאַמען פון ברענענדיקן הויז, קעמפנדיק העלדיש ביז דער לעצטער קויל.

חיים און איידל גוטמאַן, פון די רירעוודיקסטע חברים פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. געאַרבעט אַלס רימערס, זיך פאַרנומען מיט שאַפן געווער, איינשטעלנדיק זייערע לעבנס. געלעבט אין קיבוץ תל חי, אומגעקומען אין געטאָ־אויפשטאַנד קעמפנדיק צוזאַמען אויף דער זעלבער פּאָזיציע.

סטעלאַ פייערשטיין געבוירן אין וואַרשע, אומגעקומען אין אויפשטאַנד פון ביאַליסטאָקער געטאָ.

סטעלאַ ראָזענפעלד געבוירן אין וואַרשע, א מוטיקע קעמפערין אויף טשעפּלע־גאַס, שפּעטער געקעמפט אויף אַנדערע פּאָזיציעס ביז דער לעצטער קויל.

אַדעלאַ הערץ געבוירן אין וואַרשע. אומגעקומען קעמפנדיק אין אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

העניעק גאָלדשטיין געבוירן אין וואַרשע. אין געטאָ פאַרנעמט ער דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון א גרופּע אויף טשענסטאָכאָווסקי־גאַס, נעמט אָנטייל אין געטאָ־אויפשטאַנד. נאָכן דערשטיקן דעם בלוטיקן אויפשטאַנד, בלייבט ער ווייטער מיט דער קאָמפּסטאַקטיק פון דער אָרגאַניזאַציע פון גיין אין די וואַגאָנעס זיך אויסמישן מיט אַלעמען און שפּרינגען פון לויפנדיקן צוג בכדי זיך צו פאַראייניקן מיט די פּאַרטיזאַנערס אין וואַלד. שפּרינגנדיק פון וואַגאָן קומט העניעק גאָלדשטיין אום.

חווה שוואַרץ פּסעוודאָנים „עווא", געבוירן אין וואַרשע, פאַרן קריג געווען א מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אויך אַן אַקטיוויסט אין האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פאַראיין. ביים אויסבראָך פון קריג אין 1939, שוין א פרוי אין די מיטעלע יאָרן, גייט זי אַריבער אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע און לעבט זיך אויס פריי, ביז דעם באַרבאַרישן אָנפאַל פון נאַציזם אויפן ראַטן־פאַרבאַנד. זי בלייבט שטעקן אונטער די נאַצי־לאַפּעס אין ביאַליסטאָקער געטאָ. חווה איז פון די ערשטע אויף די זיצונגען צו שאַפן די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע. זי איז געווען באַשטימט פאַר דער פאַרבינדלערין צווישן די סעקרעטאַרן מיטן קאָמיטעט. חווה שוואַרץ צייכנט זיך אויס ביי דער ערשטער אַרבעט פון קאָמיטעט ביים געבן הילף די סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע. חוהס אויסזען איז געווען „זייער א גוטער" (אַלס אַריערן) דאָס האָט איר געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו באַוועגן פריי אויסערן געטאָ. זי איז באַשטימט געוואָרן אַלס ערשטע פאַרבינדלערין מיט די פּאַרטיזאַנערס און עס איז איר אויך אָנגעטרויט געוואָרן צו זיין פאַרבינדלערין מיט דער אונטערערדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויסערן געטאָ. אין דער ערשטער פאַרניכטונגס־אַקציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ, אין פעברואַר 1943, פאַלט חוה שוואַרץ אַריין אין דער געסטאַפּאָ און קומט שוין נישט מער צוריק.

רוזשקע אָסיאַש־בוך געבוירן אין וואַרשע. פאַר דעם קריג געווען אָנפירערין פון דער קאָמוניסטישער יוגנט אין „פּיאָנער". נאָכן אָנפאַל פון די נאַצים אויפן ראַטן־פאַרבאַנד בלייבט זי אין ביאַליסטאָקער געטאָ. זי שטעלט זיך גלייך אַרבעטן אין דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיט איר מאַן משה בוך. רוזשקע אסיאַש שטעלט א ווידערשטאַנד אין דער ערשטער פאַרניכטונגס־אַקציע, וואָס די דייטשן פירן דורך איבערן ביאַליסטאָקער געטאָ אין פעברואַר 1943, און קומט אום צוזאַמען מיט איר קינד. איר מאַן משה בוך איז אין דער צייט געווען א קעמפער אין די פּאַרטיזאַנער־רייען פון ביאַליסטאָקער אָטריאַד „פאָרווערטס".

טאַניע ביבער געבוירן אין וואַרשע. זי ווערט אַרויסגעשיקט צוזאַמען מיט איר מאַן סערגיי פון די ערשטע אין דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. זי קעמפט די גאַנצע צייט ביז דעם יאָר 1944 אין אָטריאַד „פאָרווערטס", געשאַפן דורך דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ. דעם 2טן יאַנואַר קומט פאָר א שלאַכט מיט די דייטשן אין בודיסקער וואַלד. צוליב דעם טיפן שניי, וואָס לאָזט נאָך זיך צייכנס ווו די פּאַרטיזאַנערס געפינען זיך, איז זייער צוריקציִען זיך געווען זייער באַשווערט. די דייטשן האָבן נאָכגעפאָלגט די קעמפערס א גאַנצן טאָג און קעמפענדיק אָן אויפהער זענען אומגעקומען אין העלדישן געראַנגל צען חברים, צווישן זיי טאַניע ביבער און איר מאַן סערגיי און נאָך וואַרשעווער וואָס זייערע נעמען זענען נישט באַוווּסט.

וואַצעק בירענצווייג אָדער בירנבוים, א יוגנטלעכער וואַרשעווער געטאָ־קעמפער. שפּעטער, נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד פון וואַרשע, גייט ער אַריבער מיט א גרופּע וואַרשעווער געטאָ־קעמפערס אין די וועלדער אַרום וואַרשע, ווו זיי פאַראייניקן זיך מיט סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע און שאַפן צוזאַמען א גרופּע פּאַרטיזאַנערס, וועל־

בע קעמפן אין די ראיאָנען ארום ווארשע. ווען איך האָב זיי באַקענט זענען אַלע פון דער גרופּע געגאַנגען מער אויף מזרח, צוליב דער פּוילישער א״ק־באַוועגונג אין די וועלדער וועלכע האָבן זיי געשטערט אין קאַמף און פיל פון זיי אין שלאַכטן אומגעברענגט. א קליין רעשטל פון סאָוועטישע בירגערס און וואַצעקן האָבן מיר געטראָפן נאָענט פון קרינקער וואַלד און זיי אַרײַנגענומען אין אונדזער פּאַרטיזאַנער־גרופּע צו קעמפן צוזאַמען.

וואַצעק צייכנט זיך אויס אַלס געשיקטער און גוטער קעמפער. נאָך דער באַפרײַונג פון אונדזערע געביטן טרעט וואַצעק אַרײַן ווייטער צו קעמפן אין דער רויטער אַרמיי, כדי העלפן צו באַפרייען זיין הויפּטשטאָט און היימשטאָט ווארשע. שפּעטער פאַלט ער אין קאַמף אַלס רויטאַרמייער.

משה בוז, פּסעוודאָנים „מאַרעק". געבוירן אין ווארשע. איז שלאַנק הויך און בלאָנד, מיט העלע אויגן — אַן אויסזען פון א פּאָליאַק; דאָס גיט אים די מעגלעכקייט צו זײַן פאַרבינדלער פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. פון די רירעוודיקסטע פאַרבינדלערס אין דער באַוועגונג פון געטאָ אין וואַלד און שפּעטער אין וואַלד, פון איין גרופּע מיט דער צווייטער. אויף זײַן אַרבעטספּלאַץ, נאָכן אַרויסגיין פון געטאָ, אין געוועזענעם 10טן פּאָלק אולאַנער־קאָשאַרן, אָרגאַניזירט מאַרעק דאָס ברענגען געווער פאַר דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. ער איז פון די ערשטע מיטגלידער און גרינדער פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג און פון די ערשטע אין די פּאַרטיזאַנער וועלדער. מיטגליד אין פּאַרטיזאַנער־שטאַב, ווערט ער אַרויסגעשיקט אין 1943 אָנצובינדן קאָנטאַקט אין די ביאַלאָוועזשער וועלדער מיט דעם סאָוועטישן אָטריאַד אויפן נאָמען פון קאַלינין. צוזאַמען מיט עלע וואַראַט פירט ער אויס זײַן אַרבעט אויף הונדערט פּראָצענט, קומט און גיט איבער אין קאַלינין־אָטריאַד וועגן אונדזער קאַמף און אונדזער גרופּע. אין א קורצער צײַט אַרום קערט ער זיך אום צו אונדז צוזאַמען מיט נאָך קעמפערס און נעמט מיט חברים פון אונדז פאַר דער סאָוועטישער גרופּע. ביז דער באַפרײַונג בלײַבט שוין מאַרעק קעמפן אין סאָוועטישן אָטריאַד קאַלינין. נאָך דער באַפרײַונג טרעט ער אַרײַן אין די „איסטרעביטעלנע" גרופּעס געשאַפן דורך דער רויטער אַרמיי אין קאַמף קעגן די פאַשיסטישע באַנדיטן וואָס שלעפּן זיך אַרום אין די וועלדער און ברענגען פיל שאָדן דער רויטער אַרמיי און דער ציווילער באַפעלקערונג. משה בוז איז לעבן געבליבן און ער געפינט זיך איצט אויף א פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן פון דער נײַער פאָלקס־פּוילישער רעגירונג. ער העלפט מיט צו פאַרווירקלעכן זײַן אידעאַל פאַר וועלכן ער האָט זײַן גאַנץ לעבן געקעמפט העלדיש.



„גוטע מענטשן, שענקט אויף א שטיקל ברויט"

בער מאַרק (וואַרשע)

# דער פּראָצעס פון יורגען סטראָאָפּ און פראַנץ קאָנראַד

## וואָס האָט ער געגעבן דער פאָרשונג פון דער געטאָ־אויפשטאַנד־געשיכטע?

.1

### ווער האָט געפעלט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק?

אין די טעג פון 18טן ביזן 22טן יולי 1951 איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, פאַר אַ ספּעציעלער דריי־פּערזאָניקער קאָלעגיע פונעם וואַרשעווער וואָיעוואָדישן געריכט, דער פּראָצעס פון דעם ליקווידאַטאָר פון וואַרשעווער געטאָ און פונעם געטאָ־אויפשטאַנד עס־עס־גענעראַל יורגען סטראָאָפּ Jurgen Stroop און פון דעם לייטער פון דער „ווערטערפאַסונגסשטעללע" אין וואַרשעווער געטאָ עס־עס־אָפיציר פראַנץ קאָנראַד Franc Konrad. לכתחילה איז דער פּראָצעס פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ געמיינזאַמער פאַר אַלע דריי הויפּשולדיקע ביים ליקווידירן דאָס וואַרשעווער געטאָ זינט דעם 22טן יולי 1942 ביזן דערשטיקן דעם אויפשטאַנד איינשליסלעך, דאָס הייסט — סטראָאָפּ, קאָנראַד און הערמאַן העפלע, גלאָבאָצניקס פאַרטרעטער, וועלכער איז ספּעציעל אַראָפּגעשיקט געוואָרן אין יולי 1942 קיין וואַרשע כדי דורכצופירן די ערשטע „אויסזידלונג", וועלכע האָט איינגעשלונגען איבער 300 טויזנט ייִדן. די אַמעריקאַנישע אָקופּיר־מאַכט אין עסטרייך, וווּ עס געפינט זיך העפלע, האָט אָבער אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן דעם דאָזיקן פעלקער־מערדער, ברעכנדיק אַזוי אַרום די אינטערנאַציאָנאַלע באַשלוסן, די אונטערגעשריבענע אויך דורך אַמעריקע און ענגלאַנד, לויט וועלכן יעדן פעלקער־מערדער דאַרף מען משפּטן אויף דעם אָרט וווּ ער איז באַגאַנגען זיינע רציחות. פּונקט אַזוי איז נישט געלונגען דער פּוילישער פּאָלקסיוסטיץ אַרויסצובאַקומען פון אויסלאַנד דעם תלין פון די וואַרשעווער ייִדן, דעם ספּעציעלן געסטאַפּאָ־ממונה איבערן געטאָ בראַנדט, דעם פאַבריקאַנט וואַלטער־צעזאַר טעבענס, וועלכער איז געווען ערב דעם געטאָ־אויפשטאַנד קאָמיסאַר פאַר „אויסזידלען" די ייִדן, דעם גענעראַל־לייטענאַנט פון ווערמאַכט ראָססום, דעם אָנפירער פון דעם היטלעריסטישן מיליטערישן גאַרניזאָן אין וואַרשע בעת דעם געטאָ־אויפשטאַנד (ער האָט זיך געפונען לעצטנס אין פראַנקרייך) און אַנדערע. די געוואַלדיקע גרויליקייט און דער ריזיקער פאַרנעם פון דעם פעלקערמאָרד איבערן וואַרשעווער ייִדנטום פאַרלאַנגט אַן אַנטשפּרעכנדיקן ריזיקן פּראָצעס, וווּ אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זאָל זיצן די גאַנצע גאַלעריע היטלעריסטישע פאַרברעכער, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט אויספּייניקן און פאַרטיליקן די וואַרשעווער ייִדן, ווייל נאָר אַזוי אַרום וואָלט געקאָנט געשאַפן ווערן כאָטש אין אַ באַשיידענער פאָרעם אַ בילד פון דער מאָנסטער־רציחה און נאָר אַזוי אַרום וואָלט באַפרידיקט געוואָרן אין אַ באַשיידענער מאָס דאָס געפיל פון גערעכטיקייט און פון מידת־הדין.

און אויב עס איז אַזוי נישט געשען, טראָגט דערפאַר די שולד די רעמיליטאַריזיר־פּאָליטיק פון די אַנגלאָ־זאַקסישע אָקופּאַנטן אין מערב־דייטשלאַנד און עסטרייך. די פּוילישע פּאָלקסיוסטיץ האָט גענוג לאַנג געוואַרט מיט סטראָאָפּס פּראָצעס, אפשר וועלן אַרויסגעגעבן ווערן די אַנדערע מיטבאַטייליקטע אינעם פעלקערמאָרד איבער די וואַרשעווער ייִדן, וועלכע געפינען זיך אין די מערבדיקע זאָנעס. און ווען עס איז קלאָר געוואָרן אַז, די באַמיִונגען וועלן צו גאָרנישט דערפירן, איז צוגעגרייט געוואָרן דער פּראָצעס בלויז קעגן סטראָאָפּן און קאָנראַדן.

ווען אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק וואָלטן אויך געזעסן העפלע, ראָססום, בראַנדט, טעבענס, וואָלט דער פּראָצעס געקאָנט אַרויסברענגען אַלע געביטן פון דער היטלעריסטישער אונטערדריקונג־ און פאַרטיליקונג־מאַשין — די ריינהאַרדט־אַקציע אונטער אָדיל גלאָבאָצניקס אָנפירונג (העפלע און קאָנראַד), די פאַבריקאַנטיש־סוחרישע אונטערנעמער (טעבענס), די ווערמאַכט (ראָססום), די פּאָליציי און עס־עס (סטראָאָפּ און בראַנדט). מיט דעם שעפּט זיך, נאַטירלעך, נישט אויס די גאַלעריע פון די היטלעריסטישע פעלקערמערדער, וועלכע טראָגן די דירעקטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אויספּייניקן, פאַרטיליקן און שיקן צום טויט די וואַרשעווער ייִדן. אין אַ צעשטערטער און אָפּגעבליאַקעוועטער פּויליש־געשריבענער מאַשינשריפט, וועלכע איז געפונען געוואָרן אין אַ קעלער אין זשאָליבאָזש ביים פּוילישן אַרבעטער־טוער טראַיאַנאָווסקי און וואָס געפינט זיך איצינד אינעם אַרכיוו פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, האָבן די ייִדישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס אונדז איבערגעלאָזט אַ רשימה פון די היטלעריסטישע פעלקערמערדער, וועלכע זענען דירעקט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער ייִדנטום; אָט זענען זיי: דער קאָמיסאַר איבערן געטאָ אויערסוואַלד Auerswald, דער אָבערשטורמפירער בראַנדט Brandt, דער אָבערשטורמפירער מענדע Mende, די אָבערשטורמפירער וויטאַסעק Witasek, קלאָסטערמייסטער Kiostermayer בלעשער Bloescher, האַנדטקע Hantke, די העכערע אָפיצירן פון איינזאַץ ריינהאַרט העפלע Hoefle און מיכאַלסען Michalsen דער הויפּטשטורמפירער גייפּעל Geipel, קאָנראַד מינסטערמאַן Muensterman, און סטראָאָפּ. וועגן דעם לעצטן ווערט אינעם כתב־יד געזאָגט אָט־וואָס:

(סטראָאָפּ) גענעראַל פון עס־עס, דער תלין פון די וואַרשעווער ייִדן. געפירט די אַפּריל־אַקציע אין (וואַרשעווער גע־

טאָ), ברענענדיק און אויפרייסנדיק 500 הײַזער, צ״אַנד די סיר־נאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע, (װעלכע האָט זיך געפונען) אויסערן תחום פון געטאָ זינט אַ לענגערער צײַט. זײַן אויפטו זענען טויזנטער (ייִדן) פאַרברענט אין בונקערס אין געטאָ, אָדער דערשאָסענע דורך עס־עס... און ליטווישע שאַוליסטן. אַזוי האָט ער אויך געפירט די פאַרניכטונגס־אַקציע... זיך אויס־געצייכנט מיט אויסערגעווייִנלעכער אכזריות און ריקזיכטלאָ־זיקייט.

... אָקטאָבער אין גריכנלאַנד, דער „פּאַציפיקאַטאָר" פון דער דאָרטיקער רעוואָלוציאָנערער באַפעלקערונג.

אין דער דאָזיקער רשימה פעלן די נעמען פונעם גובערנאַטאָר לודוויק פישער, פונעם אָנפירער פון דער פּאָליציי און עס־עס אין װאַרשעווער דיסטריקט זאַממערן־פראַנקענעגג, װעלכער האָט אָרגאַ־ניזירט די יאַנואַר־אַקציע און איז דעם 19טן אַפּריל אין דער פרי באַזײַטיקט געוואָרן דורך סטראָאָפּן, פון דעם שעף פון דער װאַר־שעווער זיכערקייטס־פּאָליציי ד״ר האַהן, פון דעם פאַבריקאַנט װ. צ. טעבענס, פון דעם ווערמאַכט־גענעראַל ראָססום און פון אַנדערע. וועגן פישערן איז באַוווּסט, אַז ער לעבט שוין נישט. פישער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אין װאַרשע; דער טויטאורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן. זאַממערן־פראַנקענעגג זאָל האָבן אומגעקומען בעת דער מלחמה. גלאָבאָצניק זאָל זיך האָבן אַליין גענומען דאָס לעבן אין ווין. וועגן ד״ר האַהן האָבן מיר נישט קיין ידיעות. טע־בענס האָט זיך מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק געפונען אין איינער פון די מערב־זאָנעס, און ער איז פונקט ווי בראַנדט אויף אַ סודותדיקן אופן נעלם געוואָרן אין לויף פון די באַמיִונגען פון דער פּוילישער רעגירונג זיי אַרויסצובאַקומען. וועגן דער ראָלע פון דעם ווערמאַכט־גענעראַל ראָססום בײַם ליקווידירן דאָס װאַרשעווער געטאָ האָט מיטגעטיילט קאַרל קאַלעסקע, זאַממערן־פראַנקענעגגס און שפּעטער סטראָאָפּס אַדיוטאַנט בעת דער געטאָ־ליקווידאַציע — אין זײַן דער־קלערונג אין קריגס־געפאַנגענשאַפט אין אָבערורסעל אין דײַטש־לאַנד, פאַר די אַמעריקאַנישע אויספאָרשונגס־אָפיצירן רודאָלף אור־באַך און ראַלף וואַרטענבערג, דעם 20טן דעצעמבער 1945. אויפן סמך פון קאַלעסקעס דערקלערונג דאַרף מען די רשימה פון די דיר־רעקטע שולדיקע היטלעריסטן פאַר ליקווידירן דאָס װאַרשעווער גע־טאָ פאַרגרעסערן. קאַלעסקע גיט אָן אָט וואָס אינעם פונקט 5 פון זײַן דערקלערונג:

Personen und Einheiten, die an der Ghet:o-Aktion beteiligt waren:

1) ca. 1.000 Mann des SS Panzergrenadiere unter der Führung von SS-Ostubaf. Bellwid,
2) ca. 1.000 Mann des SS Kavallerie-Abteilung (Fegelein) unter Führung von SS-Hauptsturmführer Plenck,
3) Stroop als Befehlshaber der Aktion,
4) Gouverneur Dr. Fischer, der die Vorgänge billigte und von Stroop regelmässig Bericht über den Stand der Aktion erhielt,
5) General Rossum, der 2 Geschütze und 1 Pionerabteilung seiner Einheit, Namen unbekannt, zur Verfügung stellte,
6) der Befehlshaber der Sicherheitspolizei, SS Obersturmbannführer Dr. Hahn,

als weitere Angehörige der Sicherheitspolizei:

SS Hauptsturmführer Wittossek,*)

SS Untersturmführer Brandt,

SS Oberscharführer Rundt,

,, ,, Orf oder Orth,

Ob Dr. aKh, SS-Sturmbannführer, an der Aktion beteiligt war, ist mir nicht bekannt.

ייִדישע איבערזעצונג:

5 פערזאָנען און איינהייטן, װעלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער געטאָ־אַקציע:

1) אַרום 1.000 פערזאָן עס־עס־פּאַנצער־גרענאַדירן אונטער דער אָנפירונג פון עס־עס־אָבערשטורמבאַנפירער בעללוויד,
2) אַרום 1.000 פערזאָן פון דער קאַוואַלעריע־אָפּטיילונג (פע־געלײַן) אונטער דער אָנפירונג פון הויפּטשטורמפירער פּלענק,
3) סטראָאָפּ ווי דער אָנפירער מיט דער אַקציע,
4) גובערנאַטאָר ד״ר פישער, װעלכער האָט די געשעענישן אַפּראָבירט און דערהאַלטן רעגולער פון סטראָאָפּן באַ־ריכטן וועגן דעם צושטאַנד פון דער אַקציע,
5) גענעראַל ראָססום, װעלכער האָט געשטעלט צו דיספּאָזיציע צוויי האַרמאַטן און איין פּיאָנערן־טייל פון זײַן אָפּטיילונג,
6) דער שעף פון דער זיכערקייטס־פּאָליציי עס־עס־אָבער־שטורמבאַנפירער ד״ר האַהן,

ווי די ווײַטערדיקע אָנגעהעריקע צו דער זיכערקייטס־פּאָליציי:
עס־עס־הויפּטשטורמפירער וויטאָסעק,
עס־עס־אונטערשטורמפירער בראַנדט,
עס־עס־אָבערשאַרפירער הונדט,
עס־עס־אָבערשאַרפירער אָרף אָדער אָרט.
צי עס־עס־שטורמבאַנפירער ד״ר קאַה האָט זיך באַטייליקט אין דער אַקציע איז מיר נישט באַוווּסט.

אַזוי אַרום קומען צו די נעמען פונעם שטורמבאַנפירער בעל־וויד, פונעם הויפּטשטורמפירער פּלענק און פון די אָבערשאַרפירער הונדט און אָרף (אָדער אָרט). אומדירעקט איז אויך אַנגאַזשירט פעגעלײַן, װעלכער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער עס־עס־קאַוואַ־לעריע אין װאַרשע.

וואָס שײַך דעם ווערמאַכט־גענעראַל ראָססום, איז באַוווּסט אַז אָנהייב אַפּריל 1951 איז ער געשטאַנען פאַר אַ פראַנצויזישן גע־ריכט, באַשולדיקט אין מאָרדן פראַנצויזישע פּויערים אין דער לעצטער צײַט פון דער מלחמה. דאָס פראַנצויזישע געריכט האָט, לײַדער, דעם פאַרברעכערישן היטלעריסטישן גענעראַל געלאָזט פרײַ.

*) דאָס איז דער זעלבער וואָס ווערט פריִער אָנגערופן Witasek.

אזוי אַרום האָבן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק אין וואַר־שעווער געריכט געדאַרפט זיצן אַ סך מער רוצחים, בפרט אַז סטראָאָפּס טעטיקייט אין וואַרשע הייבט זיך אָן פון 19טן אַפּריל 1943 גופא (געקומען איז ער קיין וואַרשע דעם 17טן אַפּריל), און דאָס ערשטע ליקווידירן העכער 300 טויזנט ייִדן און אויך די גאַנצע צוגרייט־ און פּאַרטיליק־אַרבעט ביזן לעצטן אַקט פון אַפּריל־מײַ 1943 איז געטאָן געוואָרן דורך אַנדערע. דעריבער איז באַזונדערס וויכטיק און נייטיק געווען אַוועקצוזעצן אין איינעם מיטן באַשול־דיקטן סטראָאָפּ דעם אָנגעקלאָגטן קאָנראַד, וועלכער האָט רעפּרע־זענטירט די גאַנצע קייט פון גזירות, ובפרט די ווירטשאַפטלעכע אויסרויבונג פון דער גאַנצער צײַט ביזן אָנקומען פון יורגען סטראָאָפּ. אָבער פאַר אונדזער איצטיקער טעמע איז קודם כל וויכטיק סטראָאָפּ אַליין.

סטראָאָפּ איז אין לויף פון די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען און אין ליכט פון זײַנע דערקלערונגען און ענטפערס אַרויסגעקומען ווי אַ טיפּישער היטלעריסט, וועלכער האָט זיך לחלוטין נישט געענ־דערט. מיט אַן אומפאַרשעמטן ציניזם און אײַנצײַטיק פּחדנות האָט ער געדעקט זײַנע מעשים, פאַררופנדיק זיך אויף דער... האַאַגער קאָנווענץ, וועלכע דערלויבט צו הרגענען בעת מלחמה „באַנדיטן". סטראָאָפּס ציניזם וועלן כאַראַקטעריזירן די ווײַטערדיקע עטלעכע ענטפערס אויף די פראַגעס פונעם פּראָקוראָר.

פּראָקוראָר פּענער: צי אין רעזולטאַט מיטן באַקענען זיך מיט דער האַאַגער קאָנווענץ האַלט דער באַשולדיקטער זײַן האַנדלונג פאַר אַזאַ, וואָס איז אין הסכם מיט אירע פּונקטן?

באַשולדיקטער סטראָאָפּ: יאָ.

פּראָקוראָר: ווי מיינט דער באַשולדיקטער, צי האָט דײַטש־לאַנד דורכגעפירט אַן אַגרעסיע אויף פּוילן און אויף אַנדערע לענדער,

באַשולדיקטער: איך בין נישט קיין פּאָליטיקער.

פּראָקוראָר: צי האַלט דער באַשולדיקטער אין הסכם מיט זײַן געוויסן די האַנדלונג פון מאָרדן קינדער?

באַשולדיקטער: איך האָב זיך באַמיט אין מײַן לעבן שטענדיק צו האַלטן ריטערלעך. דאָס איז דאָס העכסטע גוטס וואָס עס האָבן גענאָסן פון מיר מײַן פרוי און מײַנע קינדער. איך האָב זיך באַמיט אין מײַן לעבן אָט די ריטערלעכקייט, מיט וועלכער איך האָב זיך באַצויגן צו מײַן פרוי, אויסברייטערן אויף אַנדערע פרויען.

פּראָקוראָר: צי הײַנט, אין ליכט פון דעם וואָס ער האָט געהערט, אין ליכט פון די מאַטעריאַלן וואָס זענען אַרויסגע־בראַכט געוואָרן אין לויף פון דער אויספאָרשונג, האַלט זיך נאָך דער באַשולדיקטער פאַר אַ זעלנער?

באַשולדיקטער: איך האָב שטענדיק אין לעבן געהאַנדלט ווי אַ זעלנער. איך בין שטענדיק געווען אַ זעלנער און מיר דאַכט זיך אַז איך קאָן נישט אַרויסקריכן פון מײַן הויט. 1)

אויף דער פראַגע פונעם פּראָקוראָר, ווי ער באַציט זיך הײַנט צום אַנטיסעמיטיזם, ענטפערט סטראָאָפּ, אַז ער האָט געהאַט אין זײַן היימשטעטל אין דײַטשלאַנד גוטע ייִדישע שכנים און אַז ער האָט פאַרבאָטן אין זײַן היים צו לייענען שטרײַכערס „שטירמער". אַ צוגעדריקטער צו דער וואַנט דורכן פּראָקוראָר, ענטפערט סטראָ־אָפּ, אַז ער האָט געקענט די אַנטיסעמיטישע פּראָגראַם פון נסדא"פּ, צו וועלכער ער האָט געהערט, און אַז ער איז געווען אַן אָנהענגער פון באַזײַטיקן די ייִדן פון דײַטשלאַנדס לעבן. בנוגע די גרויל־מעשים אין וואַרשעווער געטאָ פאַררופט ער זיך אויף די באַפעלן וואָס ער האָט באַקומען פון אויבן, פון הימלערן און קריגערן; „מײַן זאַך, ווי אַ סאָלדאַט, איז נישט געווען אַרײַנצוקוקן אינעם אינהאַלט פון די באַפעלן". בלויז אין איין מאָמענט, צוגעקוועטשט צו דער וואַנט, כאַפּט זיך בײַ סטראָאָפּן אַרויס, אַז ער האָט אין וואַרשע געטאָן אַ שלעכטע זאַך. אָבער אויף צו מאָרגנס כאַפּט ער זיך צוריק און ענטפערנדיק אויף אַ פראַגע, ציט ער זיך צוריק פון דער נעכ־טיקער דערקלערונג. ער האַלט אַז ער איז אין וואַרשעווער געטאָ געווען פולשטענדיק אין אָרדענונג, ווײַל אין געטאָ איז געווען אַן אויפשטאַנד, וואַרשע האָט פאַרמאָגט אַ וויכטיקע קאָמוניקאַציע־באַדײַטונג און דאָס „פּאָטערלאַנד" איז געווען אין אַ מלחמה־צושטאַנד, אין געפאַר.

אַזוי ווי דאָס טרעפט ס'רוב מיט די היטלעריסטישע פעלקער־מערדער, ווען זיי שטייען פאַרן אויספאָרשונגס־ריכטער אָדער פאַרן טריבונאַל, האָט אויך סטראָאָפּ געזאָגט אמת ווען ער האָט גערעדט וועגן קאָנראַדן, ד"ה — וועגן אַ צווייטן. ער האָט אויך געבראַכט אַ ריי וויכטיקע מאָמענטן וועגן דעם געטאָ־אויפשטאַנד. אָבער וואָס שײַך דער אייגענער טעטיקייט, זענען זײַנע דערקלערונגען און תשובות געווען אַ געמיש פון ציניזם, אָנשטעל און ליגן. דעם ציניזם זײַנעם האָבן מיר שוין אַרויסגעבראַכט אין די אויבן ציטירטע ענט־פערס, אין זײַן פאַררופן זיך אויף דער האַאַגער קאָנווענץ און אויף זײַן ריטערלעכער באַציִונג צו פרויען. — אַ שטאַרקן ענטפער אויף דעם ציניזם האָבן געגעבן די עדות, וועלכע האָבן אַליין אַדורכגע־מאַכט די בונקער־אויפרײַסן און דעם אומשלאַגפּלאַץ. דער פער־פידער אָנשטעל קומט צום אויסדרוק אין סטראָאָפּס פאָרשטעלן זיך ווי אַ סאָלדאַט, וואָס אָריענטירט זיך נישט כלומרשט אין פּאָלי־טיק. כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַן ליגנערײַ זענען די דרייענישן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַשולדיקונג פון דערשיסן הונדערט פּוי־לישע ערבות־לײַט דעם 16טן יולי 1943 פאַרן וואַרפן דורך דער פּוילישער אונטערערד (גוואַרדיאַ לודאָוואַ) דעם 15טן יולי 1943 אַ גראַנאַט אויף אַ קאָלאָנע מאַרשירנדיקע ס"אַ־לײַט אויף דער פּיוס־גאַס; אין רעזולטאַט זענען געפאַלן העכער 10 פאַרווונדעטע ס"אַ־לײַט. זייענדיק נאָך אין געפאַנגען־לאַגער אין מערב־דײַטשלאַנד, האָט סטראָאָפּ דערקלערט, אַז די 100 ערבות־לײַט זענען דערשאָסן געוואָרן דורך דער זיכערקייט־פּאָליציי (סיפּאָ) אויף זײַן, סטראָאָפּס, עצה נאָכן פאַרשטענדיקן זיך מיטן גובערנאַטאָר פישער2) בעת דער אויספאָרשונג אין וואַרשע האָט סטראָאָפּ געגעבן אַן אַנדער תירוץ: און דעם באַפעל צו דערשיסן האָט געגעבן פישער, און ער, סטראָאָפּ, האָט עס איבערגעגעבן האַהנען פון דער זיכערקייט־פּאָליציי אויס־צופירן. אויפן געריכט האָט סטראָאָפּ געפונען אַ פרישן תירוץ: אַז פישער האָט אים געבראַכט אַ פאַרטיקן פּלאַקאַט מיט דעם אונטער־שריפט „פּאָליציי־ און עס־עס־פירער", און ער, סטראָאָפּ, האָט שוין נישט געהאַט קיין עצה. 3)

1) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, זײַטן 37, 38 און 59. (וואָיעוואָדישער געריכט פאַר וואַרשע, 6טער שטראָף־אָפּטיילונג, סיגנאַטור: 6 ק 222/50).

2) דער אַקט נומי 192 פון דער פּוילישער מיליטערישער מיסיע אין בערלין, זײַטן 135—137, אין די פּראָצעסאַקטן.

3) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, זײַטן 70 און 71.

די תירוצים פונעם באַשולדיקטן סטראָאָפּ פאַרן געריכט האָבן אָפט מאָל געקלונגען זייער נאַריש. אַזוי, למשל, האָט ער זיך גערימט, אַז ווען ער איז אָנגעקומען האַרבסטצײַט 1943 קיין גריכנלאַנד אויפן פּאָסטן פון העכערן פּאָליציי־ און עס־עס־פירער, האָט אים די באַפעלקערונג אומעטום באַגעגנט מיט ווײַן אָדער: אַז ער פלעגט בײַ נאַכט ספּעציעל צוריקציִען דאָס מיליטער פון ברענענדיקן געטאָ, כדי צו געבן די ייִדן אַ מעגלעכקייט אַרויסצוגיין פון די בונקערס. עס האָט אויך נישט געפעלט אין זײַנע דערקלערונגען קיין ווונק צו מערב־דײַטשלאַנד און צו דער דאָרטיקער רעמיליטאַריזאַציע, בעת ער האָט זיך פאַררופן אויפן איצטיקן מיליטערישן ראַטגעבער פון דער באָנער „רעגירונג" גענעראַל־לייטענאַנט שפּיידעל, וועלכער איז געווען בשעת זײַן גריכישן פעריאָד אָנפירער פון דער ווערמאַכט אין גריכנלאַנד, און וועלכער „לעבט זיכער הײַנט און שפּילט אַ ראָלע (אין מערב־דײַטשלאַנד). 4)

די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען און סטראָאָפּס האַלטונג גופא האָבן נאָך אַ מאָל דערוויזן, פאַר וואָס איז דווקא אָט דער גענעראַל אָנפאַרטרויט געוואָרן דורך דער העכסטער אינסטאַנץ פון דער היטלעריסטישער פּאָליציי די ראָלע פון דעם ליקווידאַטאָר פון וואַרשעווער געטאָ, פון דעם דערשטיקער פון דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין וואַרשע.

.2

## פאַר וואָס איז סטראָאָפּן אָנפאַרטרויט געוואָרן די מיסיע צו ליקווידירן דאָס וואַרשעווער געטאָ

אַ בליק אין דער פּאָליטישער לאַגע וואָס האָט זיך געשאַפן אין וואַרשע בײַ דער שקיעה פונעם יאָר 1942 איז נייטיק, כדי צו פאַרשטיין די ספּעציעלע גערייצטקייט, וואָס האָט זיך געשאַפן אינעם אָקופּאַנטישן לאַגער אין שייכות מיט דער געפאַר מצד דער וואַרשעווער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, פּוילישער ווי ייִדישער.

אין האַרבסט 1942 הייבט אָן אַלץ מער צו ברענען דער באָדן אונטער די פיס פון די היטלעריסטן אין וואַרשע. אַ גלענצנדיקע אילוסטראַציע צו דער לאַגע זענען די מאָנאַט־ראַפּאָרטן פון דעם וואַרשעווער גובערנאַטאָרישן דיסטריקטאַמט צו דער א"ג רעגירונג פון דער גענעראַל־גובערניע אין קראָקע. די דאָזיקע ראַפּאָרטן געפינען זיך אינעם אַרכיוו פון פּויזנער „מערב־אינסטיטוט". די ראַפּאָרטן עפענען פאַר אונדז אַ בילד פון אַן אויפשטײַגנדיקער כוואַליע שוין נישט פון פּאַסיוון, נאָר פון אַקטיוון ווידערשטאַנד. אָט איז איין אויסשניט פונעם ראַפּאָרט פאַרן חודש סעפּטעמבער 1942: „טאָג אײַן טאָג אויס קומען אָן פון די מיזרחדיקע פּאָוויאַטן מעלדונגען פון די פּאָליציי־פּאָסטנס וועגן אָנפאַלן, אַטנטאַטן, מאָרדן" (איבערגעזעצט פון דײַטשן אָריגינאַל). אין דער אָפיציעלער היטלעריסטישער שפּראַך הייסט עס: אָנפאַלן פון באַנדעס. אָבער מיר ווייסן דאָך פון הימלערס אינסטרוקציע וועגן אָנרופן אין די ראַפּאָרטן און מעלדונגען די פּאַרטיזאַנער מיטן נאָמען „באַנדעס". אינעם ראַפּאָרט פאַר אָקטאָבער 1942 טיילט מיט דער וואַרשעווער דיסטריקטאַמט וועגן אַטנטאַטן אויף פאַרשידענע באַנקנופּן, אויפן קאַפּעקלוב און וואָקזאַל־רעסטאָראַן פאַר אָפיצירן אין וואַרשע, וועגן דער פאַרשטאַרקונג פון די „באַנדעס", וועגן סאַבאָטאַזש־אַקטן, וועגן דעם אַז די באַפעלקערונג דרייט זיך אַרויס פון קאָנטינגענטן און אַרבעט. דער ראַפּאָרט פאַר נאָוועמבער דערציילט וועגן 216 אָנפאַלן און סאַבאָטאַזש־אַקטן און שטרײַכט אונטער, אַז אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג באַטייליקן זיך צו גלייך מיט פּאָליאַקן אויך ייִדן און ייִדישקעס, אַנטלאָפענע פון וואַרשעווער געטאָ. דער ראַפּאָרט פון דעצעמבער שטעלט פעסט, אַז „די לאַגע אין הינזיכט פון זיכערקייט האָט זיך זייער וועזנטלעך פאַרערגערט".

אין דער געפאַר, וואָס עס האָט געשאַפן פאַרן אָקופּאַנט אין וואַרשע די פּוילישע אַנטיפאַשיסטיש־פּאַטריאָטישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך שטאַרק אַקטיוויזירט, בעיקר נאָך סטאַלינגראַד, האָט אַ גאַנץ גרויסע ראָלע געשפּילט דער ווידערשטאַנד־כּוח פון געטאָ. די געפאַר איז נאָך גרעסער געוואָרן צוליב דעם, וואָס אין האַרבסט 1942 הייבן זיך אָן די אַרויסשיקונגען פון די פּוילישע פּויערים פון זאַמאָשטשער קאַנט, און די מעטאָדן פון זייער „איבערזידלונג" דערמאָנען שטאַרק די מעטאָדן וואָס זענען אָנגעווענדעט געוואָרן לגבי ייִדן. די כסדרדיקע וואָרענונגען פון דער פּפּ"רישע פּרעסע, אַז נאָך די ייִדן וועט זיך דער אָקופּאַנט נעמען צו פּאָליאַקן, האָבן זיך אין די אויגן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט גענומען באַשטעטיקן. אויף דער אינסטרוקטיווער קאָנפערענץ מיט די פּאָליטישע לייטערס פונעם „אַרבעטסבערייך" פון נסדא"פּ אין דער גענעראַל־גובערניע, דעם 14טן דעצעמבער 1942, האָט טאַקע צוליב דעם פראַנק אויסגעדריקט זײַן אומרו. 5) עס האָט דעם אָקופּאַנט געדראָט די סכּנה, אַז די ענלעכקייט פון גורל קאָן דערנענטערן ביידע ווידערשטאַנד־כּוחות פון ביידע זײַטן געטאָ־מויער. עס שטרײַכט אונטער דעם דאָזיקן מאָמענט אויך סטראָאָפּ אין זײַנע צוגאָב־דערקלערונגען, וואָס ער האָט געגעבן אויף דער אַנקעטע פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט. דער גובערנאַטאָר פישער און דער מיליטערישער קאָמענדאַנט פון שטאָט (וואָרשײַנלעך גענעראַל ראָססום) האָבן אויף אַ קאָנפערענץ מיט סטראָאָפּן באַלד נאָך זײַן קומען קיין וואַרשע געוואָרנט, ער זאָל טאָן אַלץ נישט צוצולאָזן צו אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין וואַרשע. סטראָאָפּ רעדט וועגן דעם גענוי אין זײַן ענטפער אויף דער דערמאָנטער אַנקעטע: „זיי זאָגן, אַז אַן אויפשטאַנד אין געטאָ קאָן ווערן אַן אָנהייב פאַר אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין וואַרשע". ער חזרט דאָס איבער אויפן פּראָצעס, דערקלערנדיק: „איצט קאָן איך עס זאָגן אָפן. גענעראַל ראָססום האָט געבעטן ווי צום שנעלסטן צו ליקווידירן דעם געטאָ־אויפשטאַנד, ווײַל ווען עס ברעכט דעמאָלט אויס אַן אויפשטאַנד אין גאַנץ וואַרשע, וואָלטן די אָרטיקע מיליטערישע און פּאָליציייִשע כּוחות נישט געסטײַעט אים צו דערשטיקן. און וואַרשע איז געווען אַ וויכטיקער קאָמוניקאַציע־צענטער צווישן רײַך און דעם מיזרח־פראָנט". 6) אמת, צו הילף איז דעם אָקופּאַנט געקומען די רעכטע פּוילישע אונטערערד, וועלכע האָט באַלד, ווי עס זענען אָנגעקומען די ידיעות פון דער זאַמאָשטשער געגנט און וועגן דעם ערשטן ווידערשטאַנד פון די פּויערים, גענומען אין איר פּרעסע שטאַרק אַגיטירן און וואָרענען קעגן אַקטיוון קאַמף. די דאָזיקע פּרעסע האָט „געשטעמפּלט" די רופן צו אַקטיוון ווידערשטאַנד אַלס שטימעס פון „מאָסקווער אַגענטן", אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק צו בלײַבן אויף דער פּאָזיציע פון פּאַסיוון אויסדויער און אַפילו אַטאַקירט די טראַדיציעס פון די נאַציאָנאַלע אויפשטאַנדן פון 19טן יאָרהונדערט. 7)

---

4) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, ז' 44.

5) פראַנק „טאָגבוך" (אַרכיוו פון דער קראָקאָווער קאָמיסיע צו פאָרשן די היטלעריסטישע פאַרברעכנס אין פּוילן).

6) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, ז' 27.

7) לויט די מאַטעריאַלן פון דער דעלעגאַטור, אינעם אַרכיוו פון היסטאָרישן אָפּטייל פון צ"ק פון פּזפּ"ר אין וואַרשע.

אָבער דער אָקופּאַנט האָט זיך נישט געקאָנט פאַרלאָזן בלויז אויף דער ווירקונג פון דער „לאָנדאָנער" אונטערערד. ער האָט באַשלאָסן אַליין צו דערשטיקן די באַוועגונג, און קודם־כּל דעם שוואַכערן, אָבער געפערלעכן, ווײַל מער פאַרביטערטן, רינג — דאָס געטאָ. מיט דעם איז זיך אויך צונויפגעפאַלן די אַלגעמיינע פּאָליטיק לגבי די לעבן־פאַרבליבענע ייִדן אין די רעשט געטאָס. 8) מיט דעם דאָזיקן ענין האָט זיך פאַרנומען הימלער אַליין. דעם 9טן יאַנואַר 1943 קומט ער אומגעריכט אַראָפּ קיין וואַרשע. ער גיט דעם וואַרשעווער עס־עס־ און פּאָליציי־שעף זאַממערן פראַנקענעגג אַן אינסטרוקציע צו ליקווידירן דאָס געטאָ און איבערטראָגן די ייִדישע אַרבעטער אין לובלינער געגנט. לאָזן אין וואַרשע אַ קאָנצלאַגער פון ייִדישע פאַרביטערטע אַרבעטער איז, ווײַזט אויס, געווען געפערלעך. דעם 18טן יאַנואַר טרעט צו זאַממערן־פראַנקענעגג צו רעאַליזירן די אינסטרוקציע. אָבער דאָס רעשט געטאָ פון יאַנואַר 1943 איז שוין נישט דאָס זעלביקע, וואָס דאָס געטאָ פון יולי 1942. די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, הגם זי איז נאָך נישט געווען צוגעגרייט, הגם דער קלאַפּ טרעפט זי אין צעשפּרייטונג, טרעט אַרויס אין קאַמף. עס קומען פאָר צוזאַמענשטויסן אויף זאַמענהאָף און מילע, אויף נאָוואָליפּיע און אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. זאַממערן־פראַנקענעגג לײַדט אַ מפּלה. עס געלינגט אים אַרויסצופירן נאָך 6.500 ייִדן, און ער מוז איבעררײַסן די אַקציע.

דער ערשטער באַוואָפנטער אַרויסטריט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ווערט אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם דורך דער פּוילישער אונטערערד. אין וואַרשע זענען פאַרשפּרייט געוואָרן גוזמאדיקע ידיעות וועגן די צוזאַמענשטויסן; מען האָט געשריבן אין דער אונטערערדישער פּרעסע און מען האָט איבערגעגעבן פון מויל צו מויל וועגן טאַנקען, וועגן טויזנטער אומגעקומענע דײַטשע זעלנער, וועגן גרויסע גאַסנקאַמפן, וועגן פּאַראַשוטיסטן צו הילף די קעמפנדיקע ייִדן. עס איז קלאָר, אַז אַט די איבערגעטריבענע ידיעות זענען געווען אַן אויסדרוק פון דער בענקשאַפט און גאַרונג צו אַקטיוון קאַמף, וועלכע האָבן גענורטעוועט די פּאַטריאָטישע טיילן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט; בפרט, אַז עס קומען אָן אַלץ אָפטער ידיעות פון לאַנד וועגן קאַמף־אַרויסטריטן פון דער גוואַרדיאַ לודאָוואַ. אין משך פון ערשטן ביזן 29טן יאַנואַר 1943 האָט די גוואַרדיאַ לודאָוואַ אַראָפּגעלאָזט פון די רעלסן 23 צוגן, וועלכע זענען געגאַנגען צום מיזרח־פראָנט, אויפגעריסן 37 בריקן, צעשטערט 278 אָביעקטן, געפירט 27 שלאַכטן, בתוכם איינע, וועלכע האָט געדויערט דרײַ טעג. 9) די פּפּ"רישע און פאָלקסגוואַרדייִשע פּרעסע גיט איבער די דאָזיקע ידיעות אין איינעם מיט די באַשרײַבונגען פון די יאַנואַר־קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ. 10) די כּוונה פון געבן צוזאַמען די אינפאָרמאַציעס פונעם געטאָ־שלאַכטפעלד און פון פּאַרטיזאַנישן פּלאַצדאַרם איז אַ קלאָרע. עס מערן זיך אויך די אַטענטאַטן און אָנפאַלן אויף היטלעריסטן אין וואַרשע אויף דער „אַרישער" זײַט. די געפאַר פון אַן אַלגעמיינעם פאָלקסאויפרײַס אין

8) דעם 9טן אָקטאָבער 1942 האָט הימלער פּאַראָרדנט אין אַ געהיימען באַפעל, צו פאַרמאַכן אַלע ייִדישע אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט אין פאַרשידענע וואַרשטאַטן און אונטערנעמונגען, וועלכע אַרבעטן פאַר דער אַרמיי, אין אַ קאָנצלאַגער, וואָס וועט לעת עתה זײַן אין וואַרשע. שפּעטער האָט ער געדאַרפט ווערן איבערגעטראָגן אין לובלינער געגנט.

9) „גלאָס וואַרשאַווי" פון 29טן יאַנואַר 1943 (אַרכיוו פון היסטאָרישן אָפּטייל ביים צ"ק פון פּזפּ"ר).

10) דאָרטן.

וואַרשע איז נאָך אַלץ אַקטועל און ווערט גרעסער. אין זײַן דערמאָנטן ענטפער אויף דער אַנקעטע פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט שרײַבט סטראָאָפּ וועגן דער לאַגע אין וואַרשע, אויף איר „אַרישער" זײַט ערב, בעת און נאָך דעם געטאָ־אויפשטאַנד אַט וואָס: „יעדן שבת האָט אין וואַרשע ערגעץ געברענט, מען האָט אונטערגעצונדן פאַבריק־מאַטעריאַלן, דאָס שעכטהויז, מאַגאַזינען אויף פּעריפעריעס. דאָס פלעגט געשען פאַר, בעת און נאָך דעם אויפשטאַנד. פּוילישע קאַמפסגרופּעס האָבן זיך איבערגעטאָן אין מונדירן פון עס־עס־לײַט און זיך אַרײַנגעריסן אין אַמטן. איך האָב דערהאַלטן אַ ידיעה, אַז פינף אָפיצירן האָט מען דערשאָסן. די ידיעה האָט זיך באַשטעטיקט". און ווײַטער: „אויף דער טאָג־אָרדענונג זענען געווען כסדרדיקע הריגות פון דײַטשן, וואָס געהערן צו דער ווערמאַכט, פּאָליציי־לײַט... די זשאַנדאַרמעריע איז געווען געצווונגען צוליב דעם כסדר צו ענדערן אירע זיצערטער... דער פּאַלאַץ, אין וועלכן עס האָט אַמטירט דער גובערנאַטאָר פישער, איז געווען אַרומגערינגלט מיט שטעכלדראָט".

דער באַוווּסטזײַן אַז דער געטאָ־אויפשטאַנד קאָן זיך אויסשפּרייטן אויף דער „אַרישער" זײַט און צו וועלכע גרויסע רעזולטאַטן דאָס קאָן דערפירן, האָט געשטעקט נישט בלויז אין דעם אַנטיפאַשיסטישן לאַגער פון דער פּוילישער אונטערערד. עס האָבן דאָס געפילט אויך מענטשן פון דעם רעכטן, לאָנדאָן־אָריענטירטן לאַגער. כאַראַקטעריסטיש אין דער הינזיכט איז די שטים פונעם אָרגאַן פון דער קאַטוילישער יוגנט „פּראַוודאַ מלאָדיך". שרײַבנדיק וועגן דעם אויסבראָך פון ווידערשטאַנד אין געטאָ, דערקלערט דער אָרגאַן: „אויב די דײַטשן קאָנען נישט זינט דעם 19טן אַפּריל זיך קיין עצה געבן אין איין טאָג מיט די ייִדן — ב. מ.), טאָ וואָס וואָלט געווען ווען אַן ענלעכע באַוועגונג כאַפּט אַרום גאַנץ וואַרשע? אויף דעם געדאַנק ווערן בלאַס די געזיכטער בײַ איינע, שלאָגן לעבעדיקער די הערצער בײַ צווייטע" 11).

מיר ווייסן נישט צו וועלכער קאַטעגאָריע עס האָט זיך פאַררעכנט די „פּראַוודאַ מלאָדיך". אַז די געזיכטער זענען בלאַס געוואָרן בײַ די אָנפירער פון דער דעלעגאַטור און פון א"ק, דאָס איז זיכער. וואָס שײַך דער „פּראַוודאַ מלאָדיך", האָט זי איר שטעלונג צו די ייִדישע אויפשטענדלער אויסגעדריקט אינעם זעלביקן אַרטיקל אין די ווײַטערדיקע ווערטער: „מיר קאָנען העלפן די קעמפנדיקע ייִדן נאָר מיט תפילה און מיט שמד". נאָר נישט דאָס זענען מיר אויסן אין איצטיקן פאַל. מיר ווילן אונטערשטרײַכן, ווי דער באַוווּסטזײַן פון דער מעגלעכקייט פון אמתן קאַמף האָט אויפגעטויכט אַפילו בײַ אַ טייל יוגנט פון די דעלעגאַטור־קרײַזן אין אַנבליק פון ייִדישן אויפשטאַנד.

אַט די סכנה פאַרשטייט אויסגעצייכנט הימלער. דעם 16טן פעברואַר 1943 שיקט ער אַ געהיימען באַפעל צום אונטערשטאַטסעקרעטאַר פאַר זיכערקייט־ענינים און העכערן פּאָליציי־ און עס־עס־פירער אין דער גענעראַל־גובערניע גענעראַל קריגער וועגן צעשטערן דאָס געטאָ און איבערטראָגן דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער. הימלער מאָטיווירט זײַן באַפעל מיט דעם, וואָס אין פאַל פון אײַנהאַלטן דאָס געטאָ, וועט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין וואַרשע נישט קאָנען ווערן אויסגעראָטן, ווײַל וואַרשע איז — זאָגט הימלער — כסדר אַ געפערלעכער צענטער פון צעלייגונג און בונט.

עס איז איצט אַנטשטאַנען די פראַגע: וועמען טרויט מען אָן

11) דער אָרגאַן געפינט זיך אינעם אַרכיוו פון היסטאָרישן אָפּטייל פון צ"ק פון פּזפּ"ר.

אַזאַ וויכטיקע אַרבעט? דאָ האָט זיך שוין נישט געהאַנדלט וועגן ליקווידירן דאָס געטאָ און איבערטראָגן בצוואַנג די ייִדישע אַרבעטער, וועלכע ווײַזן אַרויס אונטער דער אָנפירונג פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אַן אַלץ שטײַגנדיקע פאַרביסנקייט, אומגעהאָרכזאַמקייט און ווידערשטאַנד; דאָ איז געגאַנגען אין נישט דערלאָזן צו קיין צונויפקום פון די צוויי ווידערשטאַנד־לעבצונגען פון בײדע זײַטן מויער. הימלער און קריגער האָבן די אויפגאַבע נישט געוואָלט מער איבערגעבן דעם עס־עס־ און פּאָליציי־פירער פון וואַרשעווער דיסטריקט אָבערסט (פּולקאָווניק) זאַממערן־פראַנקענעגג, וועלכער האָט זיך קאָמפּראָמיטירט אין יאַנואַר 1943, און חוץ דעם איז ער געווען אַ קראַנקער מענטש, ער האָט געליטן אויף אַ שטאַרקן רעוומאַטיזם. ווי עס דרינגט אַרויס פון סטראָאָפּס דערקלערונגען אויפן פּראָצעס, איז שוין פון פריִער געווען אין קראָקע אַ באַשלאָסענע זאַך, אַז זאַממערן־פראַנקענעגג וועט מוזן אַוועקגיין. סטראָאָפּ מאַכט אײנצײַטיק אַן אָנשטעל, אַז ער האָט בכלל נישט געוווּסט, צוליב וואָס ער ווערט דורך קריגערן געשיקט קיין וואַרשע. אָבער עס איז קלאָר, אַז די וואַרשעווער אויפגאַבע האָט מען געמוזט אָנפאַרטרויען אַזאַ פּאָליציי־באַאַמטן און עס־עס־מאַן, וואָס איז אויסגעשולט און דערפאַרן אין שנעלע, ספּעציעלע וויכטיקע פון היטלעריסטישן זיכערקייטס־שטאַנדפּונקט אַקציעס, אַ מענטש וואָס ווייסט נישט פון קיין שום ריקזיכט און איז גרייט אויף אַלע מיטלען, אַבי אויסצופירן דעם באַפעל12) אויך קאָנראַד האָט אויפן פּראָצעס דערקלערט, אַז סטראָאָפּ האָט זיך אַליין פאַר אים גערימט, אַז ער איז געקומען קיין וואַרשע מיטן באַפעל דורכצופירן ענערגיש די ליקווידאַציע פון געטאָ 13).

אַזאַ פאַרשוין האָט געקאָנט זײַן יורגען סטראָאָפּ. אויף דעם האָט געוויזן זײַן גאַנצער לעבנלויף און זײַנע ביזדעמאָלטיקע פאַרדינסטן פאַר דעם זיכערקייט־וועזן פון „דריטן רײַך”.

יורגען (יאָזעף) סטראָאָפּ פאַראייניקט אין זיך צוויי דורות משרתים פון דײַטשן אימפּעריאַליזם. לויטן עלטער געהערט ער צום עלטערן דור פון די העכערע עס־עס־ און פּאָליציי־אָפיצירן (ער איז געבוירן געוואָרן דעם 26טן סעפּטעמבער 1895). זײַן געבוירן־שטאָט איז דאָטמאָלד־ליפּפּע. זײַן טאַטע, קאָנראַד סטראָאָפּ, איז געווען אַ פּאָליציי־באַאַמטער, אַן אָבערוואַכמײַסטער, דער לייטער פון דער קאָמונאַלער פּאָליציי אין דאָטמאָלד־ליפּפּע 14). אַזוי אַרום האָט סטראָאָפּ באַקומען אַ דערציִונג אין דער שטרענגער אַטמאָספער פון דער ווילהעלמישער טעמפּער דיסציפּלין און דײַטשן שאָוויניזם. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה טרעט ער אַרײַן פרײַוויליק אין דער אַרמיי און געפינט זיך אויפן פראַנצויזישן און דערנאָך רוסישן פראָנט, צום סוף דינט ער אויף דער סערביש־רומענישער גרענעץ.

אין דעם צײַטאָפּשניט פון 1918 ביז 1932 איז ער באַשעפטיקט ווי אַ באַאַמטער אין טאָפּאָגראַפישן אַמט. אָבער, ווײַזט אויס, אַז אין דער צײַט האָט ער דורכגעלעבט די זעלביקע רעוואַנזש־ און קאַריערע־חלומות, וואָס אַנדערע געוועזענע אָפיצירן, משרתים פון אימפּעריאַליזם, וועלכע האָבן זיך געפילט ווי דעטראָניזירט, און געטרוימט וועגן ווערן צוריק עפּעס אין דײַטשלאַנד. אַזוי אַרום איז געקומען זײַן אַנטוויקלונג צום נאַציזם. סטראָאָפּ דערקלערט אויפן פּראָצעס, אַז זײַנע געוועזענע חברים האָבן אים געעצהט אַרײַנצוטרעטן אין עס־עס. ער טרעט אַרײַן נאָך איידער ער שליסט זיך אָן אין נסדא”פּ. אין עס־עס טרעט ער אַרײַן דעם ערשטן יוני 1932, אין דער היטלעריסטישער פּאַרטיי — דעם ערשטן סעפּטעמבער 1932. דאָ האָט ער אַ פעלד צו פאַראייניקן זײַן קייזעריש־פּאָליציייִשע משפחה־טראַדיציע מיטן נײַעם „גײַסט” פון דער הימלערישער עס־עס. ער מאַכט אַ בליץ־שנעלע קאַריערע און רוקט זיך געשווינד אויפן לייטער פון דער עס־עסישער היעראַרכיע. קודם־כל ענדערט ער דעם אַלטן נאָמען יאָזעף אויף דעם פּאַגאַניש־היטלעריסטישן נאָמען יורגען (דאָס זעלביקע האָט געטאָן, למשל, אויך גלאָבאָצניק, וועלכער האָט אָנגענומען דעם נאָמען אָדיל). אין דער ביטע צו דער פּערסאָנאַל־אָפּטיילונג פון דער עס־עס־צענטראַלע, וועלכע איז בײַגעלייגט צו די געריכטסאַקטן, דערקלערט עס סטראָאָפּ מיט „אידעאָלאָגישע” טעמים. אויפן פּראָצעס גופא פּרוּווט ער זיך אַרויסדרייען, טענהענדיק, אַז היות עס איז אים געשטאָרבן אַ קינד מיטן נאָמען יורגען, האָט ער איבערגענומען זײַן נאָמען. אויף דער פראַגע פונעם פּראָקוראָר, פאַר וואָס ער האָט אין דער ביטע צו דער פּערסאָנאַל־אָפּטיילונג אָנגעגעבן אַנדערע מאָטיוון, גיט דער באַשולדיקטער אַן אָפּן ציניש ענטפער: „ווײַל אַזוי איז געווען באַקוועמער”. 15)

לכתחילה ווערט סטראָאָפּן אָנפאַרטרויט די אָנפירונג מיט אַ שטורעם־באַטאַליאָן, אָבער שוין אין יאָר 1934 טרעפט מען אים אין וועסטפאַליע ווי אַ שעף פון דעם עס־עסישן אָפּשניט. איז ניכן שיקט מען אים אין דער פּראָלעטאַרישער שטאָט האַמבורג, אין דער שטאָט פון ערנסט טעלמאַן, ווו ער האָט, אַפּנים, די אויפגאַבע צו מאָרדן דײַטשע קאָמוניסטן. אין יאָר 1932 איז ער אין עס־עס אַן אונטערשאַרפירער, וואָס אַנטשפּרעכט דער מיליטערישער ראַנג פון אַן אונטעראָפיציר. אין יאָר 1939 איז ער שוין אין עס־עס אַן אָבערפירער, וואָס אַנטשפּרעכט דעם ראַנג פון אַ פּאָלקאָווניק. אויף דער פראַגע פונעם פּראָקוראָר, ווי אַזוי קאָן מען אויסטײַטשן אַזאַ שנעלן רוקן זיך פאָרויס אויפן היעראַרכיע־לייטער, ענטפערט סטראָאָפּ מיט זײַן געמאַכטן אָנשטעל פון אַ שאינו יודע לשאול: „איך ווייס נישט. אַזוי האָבן אָבגעשאַצט מײַנע שעפן”.

נאָכן פאַרנעמען די סודעטן ווערט ער געשיקט קיין קאַרלסבאַד (קאַרלאָסע וואַרי) מיט דער מיסיע צו אָרגאַניזירן די עס־עס אין באַזעצטן סודעטן־געביט. אין אָקטאָבער 1939 ווערט ער איבערגעשיקט אויפן סמך פון הימלערס אַ באַפעל פון 9טן אָקטאָבער 1939 — קיין פּויזן ווי דער אָנפירער פון א”ג „זעלבשוץ”. דאָס

12) אינטערעסאַנט, ווי ענלעך עס איז געווען די סיטואַציע אין ביאַליסטאָק. ערב דער צווייטער ליקווידאַציע איז באַזײַטיקט געוואָרן דער אָרטיקער קאָמאַנדיר פון דער זיכערקייט־פּאָליציי ד”ר ווילהעלם אַלטענלאָה, וועלכן מען האָט פאָרגעוואָרפן שוואַכקייט אין קאַמף מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, און אויף זײַן אָרט איז געקומען אַ צווייטער — ד”ר צימערמאַן. אין ביאַליסטאָק איז די פּאָליטישע לאַגע זומער־צײַט 1943 געווען ענלעך צו דעם מצב אין וואַרשע אין פרילינג פון זעלביקן יאָר: דאָס אָרט פון דער אָנוואַקסנדיקער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון דער „אַרישער” זײַט אין וואַרשע האָט דאָ פאַרנומען די ברייטע פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער וועלדער.

13) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, ערשטער טאָג, ז׳ 47.

14) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, ערשטער טאָג, זײַטן 4—5.

15) אָרגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, ערשטער טאָג, ז׳ 6.

איז געווען אַ פאַרמאַציע פון אָרטיקע דײַטשן, וואָס זענען פאַר דער מלחמה געווען פאַרבונדן מיטן אויסלענדישן אָפטייל פון נסדא״פ. אָט די „פינפטע קאָלאָנע״ איז איצט אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ „זעלבשוץ״, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען אויסצומאָרדן די פוילישע פאַטריאָטן, בעיקר די אינטעליגענץ. פון אָט דער „זעלבשוץ״ איז אַרויסגעקומען די עס־עס און די ס״א אויף די אָקופירטע פוילישע מערב־געביטן. ווי עס האָט איבערגעגעבן אויפן געריכט דער עקספערט סט. קוביאַק פון פויזנער „מערבדיקן אינסטיטוט״, זענען אונטער סטראָאָפס אָנפירונג פאָרגעקומען מאַסנמאָרדן איבער פוילישע פאַטריאָטן אין די ווייטערדיקע שטעט און שטעטלעך: קאָפּצע, שאַמאָטולי, וושעשניאַ, שראָדאַ, סאַמאָקלענסקי, סרעמאַ, קאָשטשאַנאַ, לעשנאָ, גניעזנאָ. צוזאַמען זענען דערמאָרדעט געוואָרן איבער 2.000 מענטשן. די דעציזיע, ווער עס דאַרף אומגעבראַכט ווערן, האָט געגעבן דער אָנפירער פון „זעלבשוץ״ אַליין. די מאָרדן זענען פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן, אַז די קרבנות האָבן געמוזט אַלײַן פאַר זיך אויסגראָבן פאַר דער עקזעקוציע קברים.

ווען עס קומט דער אָנפאַל פון די היטלעריסטישע חילות אויפן ראַטן־פאַרבאַנד, ווערט סטראָאָפ געשיקט אויפן פראָנט, ווו ער געפינט זיך פון יולי ביז אָקטאָבער 1941. ווי באַקאַנט, זענען אין די פוסטריט פון דער ווערמאַכט געגאַנגען די ספעציעלע פאַרניכטונגס־קאָמאַנדאָס, וועלכע האָבן געדאַרפט ליקווידירן ייִדן, קאָמוניסטן, סאָוועטישע פאַטריאָטן. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דאָס איז אויך געווען די אויפגאַבע פון יורגען סטראָאָפ. אין נאָוועמבער 1941 ווערט ער צוריקגערופן קיין בערלין, ווו ער מאַכט אַדורך אַ פראַקטיק אינעם אינפאָרמאַציע־אָפטייל (שפיאָנאַזש) פונעם רײַכסזיכערהייטס־הויפטאַמט. אין דעצעמבער 1941 ווערט ער געשיקט קיין טראַנסניסטריע מיט דער אויפגאַבע פון שאַפן צווישן די אָרטיקע פאָלקסדײַטשן עס־עסישע אָפטיילונגען. פון דעם וויל סטראָאָפ אויף די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען אַרויסציִען די מסקנה, אַז ער איז נאָר געווען אַ ספעציאַליסט אין אָרגאַניזירן עס־עס, נישט מער. שטעלט זיך אָבער די פראַגע: וואָס זענען געווען זײַנע אויפגאַבעס תיכף אין אַ חודש שפעטער, אין יאַנואַר 1942, ווען ער איז באַשטימט געוואָרן ווי דער זיכערקייטס־אינספעקטאָר אויף דעם קאָמוניקאַציע־שליאַך דרום־מזרח פון סאָוועטישן פראָנט? סטראָאָפ איז געשטעלט געוואָרן אויף דעם פאָסטן, כדי אָנצופירן מיטן אויסראָטקאַמף קעגן די פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אַלץ העפטיקער באַדראָט די דײַטשע קאָמוניקאַציע־ליניעס. אויף אָט דעם פאָסטן געפינט ער זיך ביזן דריטן סעפטעמבער 1942. ער האָט זיך דאָ, ווייזט אויס, גוט צוגעדינט זײַנע באַפעל־געבער, ווײַל אין סעפטעמבער 1942 באַקומט ער — ווי ער דערקלערט אויפן פראָצעס, — פון היטלערן די נאָמינאַציע אויף אַ גענעראַל־מאַיאָר; ער באַקומט דעמאָלט אַ ווײַטערדיקן אַוואַנס אויפן עס־עסישן היעראַרכיע־לייטער, ער ווערט בריגאַדענפירער פון עס־עס. אייגנצײַטיק ווערט ער איבערגעטראָגן ווי עס־עס־ און פאָליציי־פירער קיין ניקאָלאַיעוו. סוף 1942 ווערט ער ווידער אַרויסגערופן קיין בערלין, ווו ער מאַכט אַדורך אַ ווײַטערדיקע אויסשולונג אינעם רייכסזיכערהייטס־הויפטאַמט און געפינט זיך אַ צײַט אין הימלערס דירעקטער סביבה. די אויסשולונג דויערט ביז פעברואַר 1943. ער ווערט דעמאָלט געשיקט קיין ווין, ווו ער דאַרף אָרגאַניזירן די עס־עס־ און פאָליציי־אָרגאַנען פאַר קאַווקאַז. אין מאַרץ 1943 טרעפט מען שוין סטראָאָפן אין לוואָוו. ווי סטראָאָפ זאָגט, איז ער אַהער געשיקט געוואָרן צוליב אַן אינערלעכן קאָנפליקט, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן דעם עס־עס־ און פאָליציי־פירער פון לוואָווער דיסטריקט גענעראַל קאַצמאַן און דעם אָרטיקן גובערנאַטאָר. עס איז אָבער מערקווירדיק, אַז דווקא אין דער צײַט ווען סטראָאָפ געפינט זיך אין לוואָוו, פאַרשטאַרקן זיך די גירושים און די מאָרדן איבער די אָרטיקע ייִדן. 16) עס לאָזט זיך דעריבער משער זײַן, אַז סטראָאָפס מיסיע אין לוואָוו האָט אויך געהאַט אַ שײַכות מיט דער שנעלערער ייִדן־ליקווידאַציע. דאָס איז גענוג אויסדרוקספול, ווײַל קאַצמאַן האָט געהאַט אַ שם פאַר איינעם פון די אכזריותדיקסטע ייִדן־פאַרטיליקער. סטראָאָפ האָט, הייסט עס, לויטן אײַנזען פון זײַנע שעפן, איבערגעשטיגן אין ריקזיכטלאָזיקייט און ענערגיע אפילו דעם בלוטיקן קאַצמאַן. אגב האָט קאָנראַד דערקלערט אויפן פראָצעס, אַז סטראָאָפ האָט איבערגעשטיגן אויך דעם בלוטיקן גלאָבאָצניק און דעם תלין פון וואַרשעווער געטאָ בראַנדטן.

דעם 17טן אַפריל 1943 ווערט סטראָאָפ דרינגענדיק אַרויסגערופן דורך קריגערן פון לוואָוו און שנעל אַרויסגעשיקט קיין וואַרשע. דעם 17טן איז שוין סטראָאָפ געווען אין וואַרשע.

נאָכן דערשטיקן דעם געטאָ־אויפשטאַנד און נאָכן ליקווידירן דאָס געטאָ פאַרבלײַבט סטראָאָפ אין וואַרשע ביז אויגוסט 1943 — דעמאָלט ווערט ער אַרויסגעשיקט קיין אַטען. אין צווישן איז ער אין יוני 1943 באַשטימט געוואָרן אָפיציעל אויף זאַממערן־פראַנקענעגגס אָרט ווי דער עס־עס־ און פאָליציי־פירער פון וואַרשעווער דיסטריקט. ער באַווײַזט נאָך דורכצופירן די עקזעקוציע איבער 100 אומשולדיקע פוילישע ערבות־לײַט (זע אויבן). קיין אַטען ווערט ער געשיקט ווי דער העכערער עס־עס־ און פאָליציי־פירער פון גריכנלאַנד. ווי סטראָאָפ האָט עס אַליין מודה געווען אויפן געריכט־פאַרהער, איז ער געשיקט געוואָרן אַהין אין אַ באַזונדער שווערער צײַט פאַר די היטלעריסטן. דעם 9טן סעפטעמבער 1943 האָט איטאַליע קאַפיטולירט, די איטאַליענישע פאָליציי פון גריכנלאַנד האָט זיך אַנטוואָפנט און איז צוריקגעלאָפן אַהיים. די פאַרטיזאַנישע באַוועגונג אין גריכנלאַנד איז געוואַקסן. האָט סטראָאָפ געהאַט אַ ספעציעלע מיסיע דורכצופירן דאָ אַ ברייטע „פאַציפיקאַציע״. אין גריכנלאַנד „פאַרברענגט״ סטראָאָפ ביז נאָוועמבער 1943. און מערקווערדיק: לויט עס ווײַזן אויף די קאַרטאָטעקעס פון אָשוויענטשים, זענען טאַקע אין דעם צײַטאָפשניט סעפטעמבער־אָקטאָבער 1943 געגאַנגען די גרעסטע טראַנספאָרטן מיט גריכישע ייִדן אין דעם אָשוויענטשימער לאַגער אַרײַן. דאָס איז געווען די צײַט, ווען אין דעם בנין פון דער געוועזענער איטאַליענישער געזעלשאַפט אין אַטען איז געזעסן און האָט בעל־הביתעוועט דער עס־עס־גענעראַל סטראָאָפ, אין ענגער צוזאַמענאַרבעט מיטן ווערמאַכט־גענעראַל שפיידעל. 17)

סטראָאָפ האָט, ווײַזט אויס, אויפן פאָסטן אין גריכנלאַנד גוט אויסגעפירט זײַנע תלינישע פונקציעס, וואָרעם בערלין גיט אים אַ ווײַטערדיקן אַוואַנס. דעם 9טן נאָוועמבער 1943 נאָמינירט אים היטלער פאַר אַ גענעראַל־לייטענאַנט. דעם זעלביקן טאָג ווערט סטראָאָפ צוריקגערופן פון אַטען קיין דײַטשלאַנד, ווו עס ווערט אים איבערגעגעבן די אָנפירונג מיט דער עס־עס־ און פאָליציי אין וועסטמאַרק אינעם ריין־געביט. אינעם לעצטן פעריאָד פון דער עקסיסטענץ פון „דריטן רייך״ שרײַבט צו אים ידידי־בריוועלעך הימ־

16) ג״ע פון אורי ליכטער (אַרבי ייִדי היסטי אינסטי׳, פראָטי נומי 61—7) און פון רישאַרד רינדנער (אַרבי ייִדי היסטי אינסטי׳, פראָטי נומי 18).

17) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פראָצעס, ערשטער טאָג, זײַט 7, און צווייטער טאָג, ז׳ 13. פאַרגלײַך אויך אין די אַקטן פונעם פראָצעס באַנד 5, זײַטן 959—961.

לער, וועלכער טרויט אים אָן, ווי איינעם פון די טרײַסטע דינער פון דער קראַכנדיקער עס־עסישער מלוכה, די מיסיע אָנצופירן מיט דער אונטערערדישער טעטיקייט קעגן די אַרײַנדרינגנדיקע אַליאַנטישע אַרמייען. סטראָאָפּ באַווײַזט נאָך צו הרגענען אַמעריקאַנישע קריגס־געפאַנגענע, פּאַראַשוטיסטן. נאָכן פאַרענדיקן די קריגס־אָפּעראַציעס פאַלט ער אַרײַן אין די הענט פון די אַמעריקאַנער. ער גיט זיך אָן לכתחילה אַלס סטראָוף, אָבער אַ גענויע רעוויזיע אין זײַן ווילע אַנטפּלעקט ווער ער איז. בפרט האָט זיך אים צוגעדינט דער באַנד פון זײַנע ראַפּאָרטן צו קריגערן וועגן דעם לויף פון דער דערשטיקאַקציע פונעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. די דאָזיקע ראַפּאָרטן, אין אַ לעדערנעם פּראַכטאײַנבונד זענען געפונען געוואָרן אין זײַן ביבליאָטעק. איצט איז עס געלעגן אויפן ריכטערטיש אינעם געריכטזאַל אויף לעשנאָ, ווי דער וויכטיקסטער דאָקומענט פון דער באַשולדיקונג.

ווי עס איז צו זען פון דעם געבראַכטן קורצן איבערבליק פון סטראָאָפּס קאַריערע, האָט ער קיין מאָל נישט געשפּילט אין עס־עס און פּאָליציי קיין ראָלע פון אַ באַאַמטן וואָס האָט געהאַט אָנפאַרטרויט געוויסע פּאָליטישע ענינים. סטראָאָפּ איז אויך קיין אײנעם פון זײַנע פּילצאָליקע פּאָסטנס לאַנג נישט געזעסן. עטלעכע חדשים, צי אַפילו עטלעכע וואָכן — און ער ווערט געשיקט ווײַטער. זײַן אויפגאַבע איז תמיד אַ ספּעציעלע אַקציע, אַ באַשטימטער טעראַקט, אַ דרינגענדיקע „פּאַציפיקאַציע", סטראָאָפּ איז אַ מין „הימלערישע בײַטש", וועלכע ווערט איבערגעוואָרפן פון אָרט צו אָרט, אומעטום, וווּ עס דראָט אַ ספּעציעלע געפאַר דער אָקופּאַנטישער מאַכט און מען דאַרף דורכפירן אַ שנעלע בלוטיקע „פּאַציפיקאַציע". ער איז אַן עקזעקוטאָר, אַ תלין; אַפילו ווי אַן עס־עס־ און פּאָליציי־פירער און ווי אַ העכערער עס־עס־ און פּאָליציי־פירער פאַרבלײַבט ער נישט לאַנג אויפן פּלאַץ. עס איז גענוג, ער זאָל זײַן אַ חודש אין ניקאָלאַיעוו, קנאַפּע צוויי חדשים אין לוואָוו, עפּעס מער ווי דרײַ חדשים אין וואַרשע, קנאַפּע דריטהאַלבן מאָנאַטן אין גריכנלאַנד. ער ווערט תמיד געשיקט אומעטום אַרויסצוהעלפן עמעצן, וואָס גיט זיך אַלײַן נישט קיין עצה. אין קאַמף קעגן די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער ווערט ער צוגעטײלט אַרויסצוהעלפן דעם אָבערפירער פון עס־עס האָפּמאַנען, אין לוואָוו דאַרף ער העלפן קאַצמאַנען, אין וואַרשע דאַרף ער פאַרבײַטן זאַממערן־פראַנקענעגגן, אין גריכנלאַנד דאַרף ער העלפן שפּיידעלן. ער האָט ס'רוב ספּעציעלע פולמאַכטן, וועלכע דערלויבן אים צו פאַררײַסן און משלח זײַן אַזאַ היטלעריסטישע פיגור ווי אָדיל גלאָבצניקן (בעת דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ). זײַן וועג פירט פון מאָרדן דײַטשע קאָמוניסטן, דורך טעראָריזירן די טשעכן אין סודעטן־לאַנד, דורך אויסהרגענען פּוילישע פּאַטריאָטן, דורך באַקעמפן סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער צום שווידערלעכסטן פאַרברעכן פונעם פעלקערמאָרד איבער די לעצטע וואַרשעווער ייִדן, און פון דאַנען צו „פּאַציפיצירן" גריכנלאַנד און צו מאָרדן אַמעריקאַנער קריגס־געפאַנגענע.

פאַר זײַנע פאַרדינסטן לטובת דעם „דריטן רײַך" און בפרט אינעם פעלקערמאָרד איז ער באַשאָנקען געוואָרן דורך הימלערן מיט אַן אײַזערנעם קרייץ פון ערשטן קלאַס. דער קרייץ איז אים איבערגעגעבן געוואָרן דורך קריגערן. דער באַלוינטער פעלקערמערדער האָט באַקומען — ווי ער רימט זיך אַלײן אויפן פּראָצעס, — ווינטשעוואַניעס פון אַ סך פּערזאָנען בתוכם פון דעם שעף פון פּערסאָנאַל־אַמט, פון עס־עס־גענעראַל הערץ. סטראָאָפּ האָט אויך דאָ געפּרוּווט אויפן פּראָצעס זאָגן ליגן, בכן דעם קרייץ האָט ער באַקומען פאַר זײַנע פאַרדינסטן אויפן מיזרח־פראָנט. ער איז אָבער תיכף דעמאַסקירט געוואָרן דורכן פּראָקוראָר, וועלכער האָט געשטעלט אַ פראַגע: ווי אַזוי האָט ער געקאָנט באַקומען אַן אויסצייכענונג אין יולי 1943 פאַר אויפטוען, וואָס האָבן געהאַט אַן אָרט אין יולי־אָקטאָבער 1941 ? — אויף דעם האָט דער באַשולדיקטער געענטפערט מיט — שטילשווײַגן. ווי באַקאַנט, איז דער אײַזערנער קרייץ פון ערשטן קלאַס געגעבן געוואָרן אין יולי 1943 סטראָאָפּן ווי אַן אויסצייכענונג פאַר זײַנע פאַרדינסטן בײַם ליקווידירן דאָס וואַרשעווער געטאָ.

אין ליכט פון דעם כאַראַקטער פון סטראָאָפּס גאַנצער טעטיקייט אין עס־עס און פּאָליציי ווערט קלאָר, פאַר וואָס איז דווקא אים אָנפאַרטרויט געוואָרן די מיסיע צו ליקווידירן דאָס וואַרשעווער געטאָ, אויסצופירן הימלערס באַפעל פון 16טן פעברואַר 1943. עס ווערט אויך קלאָר, וואָס פאַר אַ געפאַר און וואָס פאַר אַ כוח עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון וואַרשעווער געטאָ, אויב עס איז געשיקט געוואָרן אַהער אַזאַ פאַרדינסטפולער ענערגישער און דערפאַרענער עס־עס־גענעראַל ווי יורגען סטראָאָפּ. און לאָמיר נאָך צוגעבן: אַזאַ אַכזריותדיקער. „דאָס דערשיסן — האָט דערקלערט קאָנראַד פאַרן געריכט, — צוויי טויזנט מענטשן (אויפן הויף פונעם יודענראַט אויף זאַמענהאָף־גאַס — ב. מ.) האָט פאַרשאַפט סטראָאָפּן אַזוי פיל פאַרוויילונג, אַז ער האָט אויסגעברייטערט זײַן פאַראָרדענונג (צו דערשיסן אויפן אָרט — ב. מ.) אויף אַנדערע סעקטאָרן". 18)

3.

## וואָס פאַר אַ נײַס האָט אַרײַנגעבראַכט דער געריכט־פאַרהער פון די באַשולדיקטע

אין אַלגעמיין, אויב עס גייט אין די אַלגעמיינע ידיעות וועגן געטאָ־אויפשטאַנד און וועגן דעם אופן פון דורכפירן דעם גירוש צום טויט און די ליקווידאַציע פון די לעצטע ייִדן פון וואַרשעווער געטאָ, האָט דער פּראָצעס קיין גרויסע נײַס נישט געקאָנט אַרײַנברענגען. אויב עס גייט אין די קוליסן פון דער לעצטער ליקווידאַציע און בכלל אין דער היטלעריסטישער אויסראָט־פּאָליטיק לגבי די וואַרשעווער ייִדן די גאַנצע צײַט, האָבן אַ ריי זאַכן אויפגעדעקט די דײַטשע דאָקומענטן, וועלכע זענען דורך די פּוילישע אויספאָרשריכטער און דורך די פּראָקוראָרן פון העכסטן נאַציאָנאַלן טריבונאַל, בפרט פּראָפ' סאַוויצקי און פּראָפ' ציפּריאַן, געזאַמלט און געגרייט געוואָרן אין משך פון אַ לאַנגער צײַט, טיילווײַז אויך בײַ דער מיטהילף פון פאָרשטייער פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט און פון דער הויפּט־קאָמיסיע צו פאָרשן די היטלעריסטישע פאַרברעכער; די דאָקומענטן געפינען זיך אין די געריכטאַקטן, דאָס זענען: פישערס באַפעל פון 17טן יוני 1941 וועגן דעם פאַרבאָט צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ, פישערס באַקאַנטמאַכונג פון 10טן נאָוועמבער 1941 וועגן טויטשטראָף פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ און פאַר באַהאַלטן בײַ זיך ייִדן, דער רעפעראַט פונעם לייטער פון איבערזידלונגס־אָפּטייל פון וואַרשעווער דיסטריקט שען, הימלערס שנעלבריוו צו פאָהלן פון 1טן דעצעמבער 1942, זײַן פאַראָרדענונג

18) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, ערשטער טאָג, ז' 28.

עס איז כדאי צו באַטאָנען, אַז דעם 21טן מאַרץ 1947 איז סטראָאָפּ פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך אַן אַמעריקאַנישן מיליטערישן טריבונאַל אין דאַכאַו פאַר דערהרגענען די אַמעריקאַנישע קריגס־געפאַנגענע.

וועגן דער ייִדישער אַרבעטסקראַפט פון 18טן סעפּטעמבער 1942 און אַנדערע, הימלערס ציטירטע דורך אונדז פאַראָרדענונגען פון 16טן פעברואַר 1943, דער בריוו פון קאָמוניקאַציע-מיניסטעריום פון רײַך פון יולי 1942 וועגן אַרויספירן די ייִדן פון געטאָ קיין טרעבלינקע און בעלזשעץ, די קאָרעספּאָנדענץ פון „אָסטי", אַר־טיקלען וועגן וואַרשעווער געטאָ אין „קראַקאָווער צײַטונג" און אין „פעלקישן בעאָבאַכטער" (פון 13טן יאַנואַר 1944) א"א און אויך אַ רײ באַקאַנטע ייִדישע דאָקומענטן. צוזאַמען מיט די אויספאָרש־מאַטעריאַלן פאַרנעמען די געריכטאַקטן אינעם סטראָאָפּ-קאָנראַד־פּראָצעס זעקס דיקע גרויסע בענדער. דער וויכטיקסטער דאָקומענט איז, נאַטירלעך, דער אָריגינאַל פון סטראָאָפּס ראַפּאָרט.

אָבער אויב עס גייט אין די געשעענישן וואָס האָבן זיך אָפּגע־שפּילט אין געטאָ גופא, האָט, ווי געזאָגט, דער פּראָצעס קיין גרויסע נײַס נישט געקאָנט אַרײַנברענגען. פון דעסט וועגן זענען אויפגע־דעקט געוואָרן אַ גאַנצע רײ נײַע פּרטים, וועלכע שאַפן אַן אינטע־רעסאַנטן און צײַטנווײַז אויך וויכטיקן צושטײַער צו אונדזערע ביזאיצטיקע ידיעות. דאָס וואָס אינטערעסירט אונדז אין געגעבע־נעם פאַל צו מײַנסטן, איז נוגע דעם סאַמע אויפשטאַנד. מען דאַרף שוין בײַם אָנהייב פעסטשטעלן, אַז די דערקלערונגען פון די באַ־שולדיקטע האָבן נאָך אַ מאָל באַשטעטיקט די גרויסקייט און אומ־געוויינלעכע העלדישקייט פון די געטאָ-אויפשטענדלער. אַ געפיל פון שטאָלץ האָט אַרומגעכאַפּט דאָס פּובליקום אויפן געריכטזאַל, ווען קאָנראַד און סטראָאָפּ האָבן געשילדערט די געשעענישן. ווען מען פאַרגלײַכט זייערע מונדלעכע דערקלערונגען מיט די ראַפּאָרטן און גביות-עדות, זעט מען, אַז אין זייערע געריכט-אַרויסטריטן איז אין דער הינזיכט נישט געווען קיין איין וואָרט פון גוזמא, און מען קאָן עס אַרײַננעמען ווי אַ פרישן צושטײַער צו דער געטאָ-אויפ־שטאַנד-דאָקומענטאַציע. און הגם אַ סך פּרטים זענען שוין באַקאַנט פון פריִער, פון זייערע אייגענע געשריבענע מאַטעריאַלן און אויך פון אַנדערע קוועלן, איז דאָך כדאי איבערצוגעבן עטלעכע פראַג־מענטן פון קאָנראַדס און סטראָאָפּס דערקלערונגען אויפן פּראָצעס.

פראַנץ קאָנראַד האָט אָנגעהויבן זײַן דערקלערונג בנוגע דעם אויפשטאַנד און דער ליקווידאַציע מיט די ווײַטערדיקע ווער־טער: 19)

„אויף דזשיקע-גאַס איז געווען אַ שיסערײַ. אַ טייל פון דער עס-עס-אָפּטיילונג איז געוואָרן אַרומגערינגלט דורך די אויפשטענדלער. די דײַטשן זענען געוואָרן אַרומגענומען דורך דעם פײַער. איך האָב געהערט, אַז עס איז אָנגעקומען עפּעס אַן אָפּטיילונג, וואָס האָט זיי אַרויסגעפירט. אויף גענשע-גאַס האָט גענומען ברענען אַ הויז. אין שכנות האָט זיך געפונען אַ ייִדישער שפּיטאָל — און אַנטקעגן איז געווען די פירמע ברויער, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרריכטן זאַכן פאַר מיליטער. אינעם הויז, וואָס האָט גענומען ברענען, האָט זיך געפונען אַ מאַגאַזין פון מאַטראַצן. דאָרט פלעגט מען זיי פאַר־ריכטן. עס זענען דאָרטן געווען ריזיקע סקלאַדן פון ים-גראָז און פון האָר. דאָס אַלץ האָט גענומען ברענען".

ווײַטער שילדערט קאָנראַד דאָס, וואָס ער האָט שוין איבער־געגעבן אין זײַן געשריבענער לאַנגער גבית-עדות פון אויגוסט 1945. דאָס וויכטיקסטע אין דער אויבן-געבראַכטער דערקלערונג אויפן געריכט (וועלכע איז באַקאַנט אין אַ ביסל אין אַן אַנדער

19) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, ערשטער טאָג, זײַט 20.

וואַריאַנט פון קאָנראַדס שריפטלעכער גבית-עדות פון אויגוסט 1945) איז דער פאַקט, אַז אַ טייל פון דער עס-עס-אָפּטיילונג איז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די ייִדישע קעמפער און אַז עס האָט געמוזט געשיקט ווערן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג אַרויסצוראַטעווען די עס-עס-לײַט פון ייִדישן קלעם. אין זײַן געריכט-דערקלערונג דער־מאָנט קאָנראַד וועגן קאַמף-געשעענישן אויף שטשענשליווע (שי־סערײַ אויף די דעכער), נאַלעווקעס, שווייענטאָיערסקע און ניזקע. 20) ער חזרט אויך איבער דעם פאַל מיט קריגערס אינספּעקציע, און די געשעענישן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט, אין קריגערס אָנוועזנ־קייט אָפּגעשפּילט אויף שטשענשליווע אויף די דעכער. אַ וויכטיקע נײַס איז דאָס, וואָס קאָנראַד גיט איבער אין געריכט וועגן דעם, אַז סטראָאָפּ האָט געהייסן דערשיסן 500 פּוילישע אַרעסטירטע פון דער פּאַוויאַק-תפיסה; זיי זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן יודענראַט־הויף. סטראָאָפּ האָט אין זײַנע שפּעטערדיקע דערקלערונגען זיך באַ־מיט צו דערווײַזן, אַז דעם באַפעל צו דערשיסן די 500 האָט אַרויס־געגעבן דער שעף פון דער זיכערקייטס-פּאָליציי ד"ר האַהן. אָבער מיר האַלטן, אַז די 500 פּוילישע אַרעסטירטע זענען דערשאָסן גע־וואָרן אין די ראַמען פון דער אויפשטאַנד-ליקווידיר-אַקציע, ווײַל ווי עס דרינגט אַרויס פון געוויסע גביות-עדות, וועלכע געפינען זיך אינעם אַרכיוו פון היסטאָרישן אָפּטייל פון צ"ק פון פּזפּ"ר, 21) האָבן די פּוילישע אַרעסטירטע אין פּאַוויאַק געפּלאַנט אויסצונוצן די געשעענישן אין געטאָ פאַר אויסגראָבן אַן אונטערערדישן דורכ־גאַנג און זיך אַרויסבאַקומען פון תפיסה. עס איז אפשר געווען אַ קאָנטאַקט מיט אַ קאַמפּסגרופּע פון געטאָ. צוליב אַ מסירה פון אַ געסטאַפּאָ-אַגענט, וועלכער האָט געהערט צו א"ק, איז די זאַך אויס־געגעבן געוואָרן, און 500 פּאָליטישע אַרעסטירטע זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן יודענראַט-הויף. אגב, איז סטראָאָפּ בעת דער עקזע־קוציע געווען אָנוועזנדיק.

אינטערעסאַנטע נײַע פּרטים האָט געבראַכט אין זײַן דערקלע־רונג יורגען סטראָאָפּ: 22)

„שבת בײַ נאַכט (דעם 17טן אַפּריל — ב. מ.) האָט זאַ־ממערן באַקומען אַ ידיעה פון געטאָ, אַז דאָס אויסליידיקן וועט נישט גיין אַזוי גלאַטיק, אַז וואַרשײַנלעך וועלן די ייִדן אַקעגנשטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד.

„איך בין זיך משער, אַז אויפן סמך פון אָט דער מעלדונג איז זאַממערן געפאָרן קיין קראָקע צו גענעראַל קריגער.

„איך בין זיך משער, אַז אויפן סמך פון דער דאָזיקער מעלדונג האָט גענעראַל קריגער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, איך זאָל אויף זאַממערנס אָרט דורכפירן די אויסליידיקונג פונעם געטאָ.

„אָבער צוליב דעם, וואָס ער האָט געקענט דעם פּלאַן און אויך פון פרײַנטשאַפטס וועגן האָב איך געלאָזט זאַממערן אָנהייבן.

„עס איז געווען 7,30 אין דער פרי ווען ער האָט זיך גע־יאַוועט צו מיר אין איינעם מיטן אַדיוטאַנט אין מײַן קוואַר־טיר. ער איז געווען זייער דענערווירט און האָט געזאָגט — מיר דאַכט זיך, אַז אַזעלכע זענען געווען זײַנע ווערטער: „אַלץ

20) דאָרטן, זײַטן 22 און 23.

21) ג"ע פון שפּילסקי.

22) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, זײַטן 23—26.

איז פאַרלאָרן, מיר זענען נישטאָ אין געטאָ, מיר קאָנען זיך נישט אַרײַנבאַקומען אין געטאָ, עס זענען פאַראַן פאַרווונדעטע". זאַממערן האָט געוואָלט שיקן אַ טעלעגראַמע קיין קראָקע, מען זאָל אַרויסשיקן אעראָפּלאַנען סטוקאַסן און מען זאָל מיט דער הילף פון באָמבעס און אעראָפּלאַנען צעשטערן דאָס געטאָ.

„אָבער קריגערס באַפעל (צו ליקווידירן דאָס געטאָ — ב. מ.) איז נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין טערמין. אויפן סמך פון דעם באַפעל האָב איך זיך געמוזט אַרײַנמישן.

„ווען איך בין צווישן 8 און נײַן אין דער פרי אַרײַן אין געטאָ, האָב איך אָנגעהויבן די אַקציע פון אויספילן דעם מיליטערישן באַפעל.

„עס זענען געווען פאַרווונדעטע און דערהרגעטע בײַביידע צדדים. איך האָב צום ערשטן מאָל געזען די (היטלעריסטישע — ב. מ.) קאָמאַנדירן, וואָס זענען דאָרטן געווען, און מיר זענען אַרײַן דורכן גרויסן טויער אין געטאָ. זיצנדיק אונטער אַ בוים, האָב איך געהייסן זיך דערלאַנגען דעם פּלאַן פון געטאָ און דאָרטן האָב איך פעסטגעשטעלט — אין הסכם מיטן פּלאַן — ווי עס זעט אויס דאָס געביט. איך האָב געגעבן די קאָמאַנדירן אַנטשפּרעכנדיקע באַפעלן, לויט מיליטערישע כּללים, זיי זאָלן מיט דער הילף פון אָנגרייפנדיקע אָפּטיילונגען ווידער באַהערשן כּמעט די הויפּטגאַס. און אַזוי איז געשען. צי מען האָט די הויפּטגאַס דעראָבערט דעם ערשטן טאָג, אָדער דעם צווייטן, דאָס געדענק איך נישט.

„אין איין הויז, וווּ עס האָט זיך געפונען אַן אַנשטאַלט בײַ דער א"ג מיליטערישער פאַרוואַלטונג, איז אויסגעבראָכן אַ שׂרפה. די שׂרפה איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך די אויפשטענדלער.

„וואָס שייך די זאַכן, וועלכע זענען געווען באַשטימט פאַר דער ווערמאַכט, בין איך אין דעם פאַל געווען אין פולשטענדיקער פאַרשטענדיקונג מיטן קאָמאַנדיר פון דער ווערמאַכט, אַ גענעראַל־לייטענאַנט (ראָססום — ב. מ.). די קאָמענדאַנטור פון דער ווערמאַכט און דער גובערנאַטאָר פישער און אַנדערע פאַרשטייער האָבן מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אין אַ דרינגענדיקן אופן, אַז דער געטאָ־אויפשטאַנד טאָר זיך אין קיין שום פאַל נישט אויסברייטערן אויף וואַרשע. בפרט האָט מיר אויף דעם געמאַכט אויפמערקזאַם די קאָמענדאַטור פון דער ווערמאַכט און מיר אויפגעקלערט — הײַנט, קאָן איך דאָס זאָגן — אַז דעמאָלט וואָלטן זיי נישט געווען אין שטאַנד, נישט ברענגענדיק קיין אָפּטיילונגען פון פראָנט, צו דערשטיקן אַן עווענטועלן אויפשטאַנד אין וואַרשע.

„אין געטאָ איז געווען אַ לאַבירינט, וואָס אַזאַ האָב איך נישט געזען אין מײַן לעבן. די קאָרידאָרן, בונקערס זענען געוואָרן אויפגעבויט צו דעם צוועק, מען זאָל זיי אויסנוצן בשעת דעם קאַמף. אין ספּעציעלע בנינים האָט מען אויסגעבויט בעטאָן־בונקערס, פון וועלכע עס זענען שוין דעם ערשטן טאָג אַרויס די קעמפנדיקע כּוחות".

שילדערנדיק ווײַטער די קאַמפן פון ערשטן טאָג, דערקלערט סטראָאָפּ אָט וואָס:

„ווי איך דערמאָן זיך, האָט דאָס מיליטער אין איינעם פון די ראָגאָווע הײַזער זיך נישט געקאָנט אַרײַנבאַקומען. מען האָט געקעמפט אין משך פון 2—3 טעג. איך בין אַהין אָנגעקומען ווען דעמקע (אַ היטלעריסטישער אָפיציר — ב. מ.) האָט שוין נישט געלעבט. אין אײַנקלאַנג מיט דעם, וואָס עס האָבן מיר געזאָגט די מענטשן, האָט דעמקע אָנגעגריפן מיט אַ שטורעם־אָפּטיילונג, נישט שוינענדיק דאָס לעבן, און האָט באַוויזן אַרײַנצוגיין אין דעם הויז. פון דעם דאָזיקן הויז האָט מען ווײַטער באַשאָסן די אָפּטיילונג, און ווען דער קאַמף האָט זיך פאַרענדיקט, האָבן די דײַטשן געמוזט זיך צוריקציִען. דעמקע און נאָך איין מאַן זענען אומגעקומען".

וועגן דער באַוואָפענונג פון די אויפשטענדלער זאָגט סטראָאָפּ:

„איך האָב באַמערקט אַז די געטאָ־איינוווינער פאַרמאָגן באָמבעס, וועלכע זיי האָבן אַליין אויסגעאַרבעט. איך האָב אַליין געזען אַזעלכע באָמבעס אָדער שטאָלענע רערן, די הייך 30 צענטימעטער, זיי זענען געווען פאַרשמאָלצן אונטן, אויבן איז געווען צוגעשמאָלצן אַ דעקל, דערבײַ איז געווען אַן אָנצינדשטריקל און אַן עפענונג, און אַרום דער עפענונג — אַן אָנצינדשטח. די געטאָ־אויפשטענדלער האָבן אויך פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל פלעשער מיט בענזין".

קאָנראַדס און סטראָאָפּס ציטירטע דערקלערונגען וואַרפן אַ שײַן אויף די דרײַ ערשטע גרויסע שלאַכטן דעם 19טן אַפּריל אין דער פרי. קאָנראַד דערציילט וועגן דער שלאַכט אויף זאַמענהאָףגאַס (דער אָקופּאַנט האָט געענדערט דעם נאָמען פון דער גאַס פון זאַמענהאָף צוריק אויף דזשיקע); סטראָאָפּ, רעדנדיק וועגן דער הויפּטגאַס, מיינט געוויס די נאַלעווקעס. ווען ער רעדט וועגן דעם ראָגאָווען הויז, איז ער געוויס אויסן די שלאַכט אויף מוראַנאָוו.

אין ליכט פון קאָנראַדס דערקלערונג זענען די עס־עס־לײַט אויף זאַמענהאָף־גאַס אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די ייִדישע אויפשטענדלער. די קאַמפן אויף נאַלעווקעס האָבן זיך אויך לכתחילה געענדיקט מיטן נצחון פון די ייִדישע קעמפער; סטראָאָפּ האָט געמוזט אָנווענדן באַזונדערע מיטלען, כּדי צוריק דעראָבערן די דאָזיקע הויפּטגאַס פון געטאָ. פונקט אַזוי איז שווער געגאַנגען דאָס דעראָבערן דאָס גרויסע הויז אויף מוראַנאָווסקע. מען האָט דאָ געקעמפט, זאָגט סטראָאָפּ, 2—3 טעג. שוין די דרײַ שילדערונגען שטעלן פעסט די העלדישקייט פון די אויפשטענדלער. אַז דער געטאָ־אויפשטאַנד האָט שטאַרק באַאומרויִקט נישט בלויז די אָרטיקע ווערמאַכט־ און דיסטריקט־אָרגאַנען, דערווײַזט סטראָאָפּס דערקלערונג אויפן געריכט וועגן דעם, אַז „אין צוזאַמענהאַנג מיטן אויפשטאַנד אין געטאָ האָט הימלער אַליין צוויי מאָל אַרויסגעשיקט (צו סטראָאָפּן — ב. מ.) אינפאָרמאַטיווע טעלעגראַמעס" 23). אײַנצײַטיק זענען געגאַנגען פון בערלין קיין וואַרשע אָנפראַגעס לויט אַ צווייטער ליניע: „דער קאָמענדאַנט פון דער זיכערקייטס־פּאָליציי ד"ר האַהן האָט געהאַט אַ כּסדרדיקן קאָנטאַקט מיטן רײַכסזיכערהייטס־הויפּטאַמט, מיטן ד"ר ברינער" (סטראָאָפּס דערקלערונג). וועגן דעם, אַז קריגער האָט באַקומען טאָג־טעגלעכע ראַפּאָרטן, איז באַוווּסט. איין טאָג האָט קריגער פאַרלאַנגט צוויי ראַפּאָרטן (סטראָאָפּס דערקלערונג). חוץ דעם איז ער, ווי באַקאַנט און ווי עס האָט באַשטימט אויפן פּראָצעס קאָנראַד, אַראָפּגעקומען ספּעציעל אויף אַן אינספּעקציע אין געטאָ. סטראָאָפּ האָט אויפן געריכט אויך אָפּ־

23) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, ז' 46.

געגעבן אַ דערקלערונג וועגן דעם אויפרײַסן די טלאָמאַצקער שול: „דער ענין איז געווען פאַרענדיקט. הימלער האָט געהייסן מיך רופן צום טעלעפאָן און מיר באַפוילן, איך זאָל אויפן סוף אויפרײַסן די וואַרשעווער סינאַגאָגע. דערבײַ האָט מיר ד״ר האַהן געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז אין דער סינאַגאָגע געפינען זיך באַוואָפנטע אויפשטענדלער" 24).

צי אין דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע האָט זיך געפונען אַ גרופּע באַוואָפנטע אויפשטענדלער, דאַרף מען נאָך אויספאָרשן און פעסטשטעלן. אויב עס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק, איז דאָס אַ נײַער זייער וויכטיקער פּרט אין דער געטאָ־אויפשטאַנד־געשיכטע. עס איז דאָ אַ גרונט צו מיינען, אַז האַהן, ווי דער אָנפירער פון דער זיכערקייטס־פּאָליציי, איז געווען גוט אינפאָרמירט. בכלל ווײַזט זיך אַרויס אין ליכט פון סטראָאָפּס דערקלערונג אויפן געריכט, אַז אין יעדער היטלעריסטישער אָפּטיילונג האָבן זיך געפונען מענטשן פון ד״ר האַהן, דאָס הייסט — אַז דער שונא האָט געהאַלטן די געטאָ־אַקציע פאַר אַזאַ וויכטיקע, דאָס פּאַראַלעל מיט דער מיליטערישער אַקציע איז געגאַנגען אַ זיכערקייטס־דינסט־אַקציע, וועגן וועלכער סטראָאָפּ האָט געוווּסט נאָר אין אַלגעמיינע שטריכן, אָבער אָן גענויע פּרטים. אגב, איז ער נאָך דעמאָלט נישט געווען עס־עס און פּאָליציי־שעף פון וואַרשעווער דיסטריקט.

אינטערעסאַנט זענען געווען סטראָאָפּס אויפקלערונגען, ווי אַזוי עס זענען צו אים געקומען די איינצלנע ראַפּאָרטן פון די באַזונדערע אָפּשניטן און לויט פאַרשידענע ליניעס. פון די אַלע באַזונדערע באַריכטן האָט דער שטאַבשעף יעזוויִטער צונויפגעשטעלט יעדן טאָג דעם גאַנצן טעלעגראַפאָרט, וועלכן סטראָאָפּ האָט איבערגעשריבן און געשיקט צו קריגערן. אַזוי פלעגן אָנקומען באַריכטן לויט די ליניעס: פון דער זיכערקייטס־פּאָליציי, פון דעם געסטאַפּאָ־ממונה איבערן געטאָ בראַנדט, פון דער פוילישער „גראַנאַטאָווער" פּאָליציי, פון ווערמאַכט. למשל וועגן דעם, ווי אַזוי די גרופּע זשאָבאָווצעס איז אַרויסגעפירט געוואָרן דורך די אונטערערדישע קאַנאַלן דורך דער גוואַרדיאַ לודאָוואַ, האָט סטראָאָפּ ראַפּאָרטירט די „גראַנאַטאָוועַ" פּאָליציי; די מעלדונג פון 25טן אַפּריל וועגן דעם, אַז אין קאַמף גייען אַרײַן די „נידעריקסטע" עלעמענטן פון געטאָ, האָט געשטאַמט פון דער זיכערקייטס־פּאָליציי; וועגן דער פּפּ״רישער צענטראַלע אין געטאָ האָט איבערגעגעבן אַ מעלדונג בראַנדט 25). דערקעגן־זשע האָט ער נישט געקאָנט אויפקלערן, וועמען ער האָט געמיינט אין זײַן ראַפּאָרט צו קריגערן אונטער די באַצייכענונגען „אַקטיוויסטן", „פּאַרטיי" און „טעראָריסטן". וועגן די פאַרשידענע דערשײַנונגען פון העלדישקייט האָט ער איבערגעחזרט אַ ריי זאַכן, וועלכע זענען באַקאַנט פונעם ראַפּאָרט, צווישן אַנדערע וועגן די ייִדישע פרויען, וועלכע האָבן געשאָסן פון פּיסטאָלעטן.

עטלעכע מאָל שטרײַכט סטראָאָפּ אונטער, אַז דאָס איז געווען אַ שווערער און פאַראַנטוואָרטלעכער קאַמף. „דאָס איז געווען אַזאַ ווידערשטאַנד, וועלכער האָט געקאָנט ווערן דערשטיקט נאָר מיט פאַרביסענעם כוח, און קעגנפאַל וואָלט נישט געלוינט אָנצוהייבן... איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון פון דעם, אַז דאָס איז אַ קאַמף, אַ ווידערשטאַנד, וועלכן עס איז שווער צו צעברעכן, אָבער, אַז ער מוז ווערן געבראָכן" 26).

---

24) דאָרטן, ז׳ 30.

25) אָריגינאַל פונעם פּראָצעס, צווייטער טאָג, זײַט 51.

26) דאָרטן, ז׳ 26.

4

## וואָס פאַר אַ נייעס האָט אַרײַנגעבראַכט דער עדות פאַרהער

פאַרן געריכט זענען אַרויסגעטרעטן זיבעצן עדות, אַלע פון דער באַשולדיקונג. די פאַרטיידיקונג האָט נישט געהאַט און נישט געקאָנט האָבן קיין איין עדות. אַרויסגערופן זענען געוואָרן מער עדות — עטלעכע האָבן צוליב קראַנקייט נישט געקאָנט קומען, עטלעכע געפינען זיך אין אויסלאַנד. בכלל האָט די פּראָקוראַטור געקאָנט האָבן הונדערטער עדות — אַלע ייִדן, וועלכע האָבן אַדורכגעמאַכט דעם געטאָגרויל, יעדער איינער פון זיי איז אַ גאַנצע דראַמע פאַר זיך. אויך פוילישע עדות האָט מען געקאָנט האָבן מער. אָבער דער פּראָצעס האָט דאָך נישט געקאָנט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטודיומאָרט. דעריבער האָט די פּראָקוראַטור אויסגעקליבן אַ גרופּע עדות, וועלכע אָדער זיי זענען פּערזענלעך געקומען אין באַריר מיט די אָנגעקלאָגטע, אָדער זיי האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין די געשעענישן, וואָס האָבן אַ שײַכות מיט די מעשים פון די באַשולדיקטע.

די עדות קאָן מען אײַנשטעלן אין עטלעכע גרופּעס: א) די וואָס האָבן אָנטיילגענומען אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן אין די קאַמפן, אָדער זענען געקומען אין באַריר מיט די קעמפער; ב) די וועלכע האָבן אויף זייער אייגענער הויט אין אַזאַ אָדער אַנדערער פאָרעם אַדורכגעמאַכט די גרויליקע מעשים פון די באַשולדיקטע; ג) די פוילישע עדות, וועלכע זענען געווען אין געטאָ, אָדער בײַם געטאָ, בעת די געשעענישן; ד) די פוילישע עדות, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט הילף פאַר די ייִדישע קעמפער; ה) די פוילישע עדות, וועלכע ווייסן צו דערציילן וועגן טרעבלינקע.

די ערשטע גרופּע עדות ווייסט צו דערציילן וועגן ביידע זײַטן פון דערווירקלעכקייט — וועגן דער שוידערלעכער אכזריות פון די היטלעריסטישע פעלקערמערדער אונטער דער אָנפירונג פון באַשולדיקטן סטראָאָפּ און וועגן דעם העלדישן ווידערשטאַנד פון די ייִדישע אויפשטענדלער. דער עדות מאַרעק עדעלמאַן 27), געוועזענער שטאַבמיטגליד פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און קאָמאַנדיר פון דעם בערשטער־אָפּשניט, הייבט אָן זײַן דערקלערונג פון פעסטשטעלן די מפּלות פון זאַממערן־פראַנקענעגג. די ערשטע מפּלה האָט ער געליטן אין יאַנואַר 1943, די צווייטע אין מאַרץ 1943, ווען זאַממערנס אָן אָפּטיילונג אין דער צאָל פון 50 מאַן איז געוואָרן טיילווײַז צעקלאַפּט דורך דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און איז נישט צוגעלאָזט געוואָרן אויפן געביט, ווו זיי האָבן געהאַט אָן אויפגאַבע דורכצופירן אַ „פּאַציפיקאַציע". דער דאָזיקער מאָמענט, הגם אַלגעמיינע ידיעות זענען שוין וועגן אים געווען, איז דאָך אַ נײַס. לײַדער איז דער מאַרץ־אַרויסטריט פון „זשאָב" ווײַניט אויסגעפאָרשט, און אין ליכט פון עדעלמאַנס עדות־זאָגן קומט ער אַרויס ווי דער צווייטער קאַמפּסרינג נאָך דעם יאַנואַר־אַרויסטריט. עס בלײַבט נאָך אָפן די פראַגע, ווער (פּערזענלעך) עס האָט אָנגעפירט מיט דעם דאָזיקן דרייסטן אָנפאַל אויף זאַממערנס אָפּטיילונג.

פון עדעלמאַנס ווײַטערדיקער דערקלערונג וועגן דעם, אַז „אונדז איז געווען באַוווּסט, אַז עס וועט קומען איינער ספּעציעל;

---

27) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, זײַטן 111—117.

דעם 18טן אַפּריל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער איז געקומען צו פאָרן, סטראָאָפּס נאָמען האָבן מיר נישט געקענט" — קומט אַרויס, אַז נישט בלויז זאַממערן און האַהן האָבן געהאַט זייערע אַגענטן אין געטאָ און געוווּסט וועגן אַ ווידערשטאַנד, וואָס גרייט זיך, נאָר אַז אויך די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַן אויס־שפּיר אין דעם שונאס לאַגער און געוווּסט, אַז עס דאַרף קומען אַ ספּעציעלער גרויס־פּאַציפיקאַטאָר. וועגן די עצם־געשעענישן דער־קלערט דער עדות עדעלמאַן אָט וואָס:

„פיר אַ זייגער בײַ נאַכט האָבן זיי אַרומגעשטעלט דעם צווישנגעטאָ־שטח. זעקס אין דער פרי שפּאַנט אַריין אין דײַטשע גרופּע. מען האָט זי אַרײַנגעלאָזט טיף, און ערשט בײַם צוזאַמענקום פון מילע און זאַמענהאָף איז געקומען צום ערשטן אָנגריף פון די קאַמפּסגרופּעס. די דײַטשע אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט מיט אַ לאַגער אין גאַס, איז גע־וואָרן צעקלאַפּט און געמוזט אַנטלויפן אין בהלה.

„אונדזער אומגליק איז געווען, וואָס מיר האָבן נישט גע־האַט קיין געווער, מיר האָבן געקאָנט ווירקן נאָר מיט אומגע־ריכטן אָנפאַל.

„12 אַ זייגער פרוּוט סטראָאָפּ אַטאַקירן אַנדערע גאַסן, ער גרײַפט אָן דאָס הויז אויף עק נאַלעווקעס און גענשע. עס זענען דאָרטן געפאַלן אַ סך פאַרוווּנדעטע דײַטשן. אַ גרופּע קעמפער אין דער צאָל פון צען פערזאָן האָבן אײַנגעהאַלטן די דײַטשן אויף עק גענשע און נאַלעווקעס אין משך פון עטלעכע שעה. מיר האָבן אויסגעברענט דאָס הויז, מיר האָבן אַרויסגע־רופן אַ שׂרפה אין געטאָ.

„דעם צווייטן טאָג איז ביז צוויי אַ זייגער קיין אַקציע אין געטאָ נישט געווען. עס איז וואָרשײַנלעך פאָרגעקומען אַ גרויסע איבערגרופּירונג פון די כוחות. דעם צווייטן טאָג האָבן זיך די דײַטשן אויך נישט אַרײַנבאַקומען אין געטאָ. דער קאַמף דויערט ביז אַכט אַ זייגער אין אָוונט. קיין איין היט־לעריסט איז נישט אַריבער אויפן געטאָ־געביט.

„דעם דריטן טאָג זענען די דײַטשן געגאַנגען אין קליינע צאָלן. זיי צינדן אונטער, זיי שטופּן אַרײַן פעסלעך מיט בענ־זין אין אַלע טויערן און געוועלבער און צינדן אונטער. טויזנ־טער מענטשן קומען אום.

„ווען זיי האָבן געהאַט גרויסע פאַרלוסטן, האָבן די היט־לעריסטן אַרויסגעשיקט צוויי אָפיצירן מיט ווײַסע קאָקאָרדעס און געבעטן אַ 15מינוטיקן וואָפנשטילשטאַנד, אָבער אין דער זעלבער צײַט האָבן זיי געברענט דאָס געביט.

„די זעלביקע נאַכט האָבן מיר זיך אַרויסבאַקומען אויפן געביט פון צענטראַלן געטאָ.

„מיר האָבן פאַרטיידיקט די בונקערס, אין וועלכע עס איז געווען די ייִדישע באַפעלקערונג".

אין ווײַטערדיקן טייל שילדערט דער עדות די גרויליקע מעשים פון סטראָאָפּס חיילות: אינעם שפּיטאָל אויף גענשע 6, ווו זיי האָבן דערשטיקט קינדער, פאַרברענט כירורגישע קראַנקע לעבעדיקערהייט, אויפגעטרענט טראָגעוודיקע פרויען די בײַכער; אויפן הויף פראַנציסקאַנער 30 האָט דער עדות געזען הרוגים מיט אָפּגעהאַקטע קעפּ; אין דעם זעלביקן אָרט האָבן זיי אַרײַנגעלאָזט גאַז — „אויף צו מאָרגנס האָבן מיר דאָ געפירט מיט זיי אַ שלאַכט. דעמאָלט האָבן זיי זיך אויפ־געפירט פחדנותדיק".

וויכטיק איז די פעסטשטעלונג פונעם עדות, אַז די פאַרטיידי־קער האָבן אַרײַנגעלאָזט גאַזן אין די בונקערס. בנוגע אונדזער טע־מע זענען קודם־כל וויכטיק עדעלמאַנס דערקלערונג וועגן די קאַמפן דעם ערשטן טאָג. אין אַלגעמיין דעקן זיי זיך מיט דעם, וואָס קאַנ־ראַד און סטראָאָפּ האָבן איבערגעגעבן וועגן דער לאַגע אויף דער זאַמענהאָף־גאַס און אויף נאַלעווקעס און גענשע.

עדעלמאַן האָט גערעדט וועגן די געביטן, ווו ער איז געווען פערזענלעך — דאָס בערשטער־געביט און דאָס צענטראַלע געטאָ. אַ צווייטער עדות, בערנאַרד באָרג, האָט איבערגעגעבן וועגן די גע־שעענישן אויפן געביט פון לעשנאָ, נאָוואָליפּקי, נאָוואָליפּיע, קאַר־מעליצקע. ער דערציילט: 28)

„דעם ערשטן טאָג פונעם אויפשטאַנד איז אויף לעשנאָ, נאָוואָליפּקי, נאָוואָליפּיע, קאַרמעליצקע געווען רויִק. קיין קאַמפן זענען נישט געווען. אויף צו מאָרגנס האָט די קאָמאַנדע פון אונדזער פּפּ"רישער קאַמפּסגרופּע באַשלאָסן צו באַזעצן די פונקטן. מיר האָבן פאַרנומען אַ פּאָזיציע אויף לעשנאָ 74 נאָענט צו אייזן־גאַס. פון דער זײַט פון דער אײַזן־גאַס מאַר־שירן די דײַטשן צום געטאָ. אויף סמאָטשע ראָג נאָוואָליפּיע וואַרפט אונדזער גרופּע אַרום 10 אַ זייגער עטלעכע באָמבעס און פלעשער, עס פאַלן עטלעכע דײַטשן. אין אַ האַלבער שעה אַרום קומען זיי ווידער מיט פאַרשטאַרקונגען. זיי מאַכן אַ פּאָגראָם אין דעם הויז.

„מיר ציִען זיך צוריק אויף נאָוואָליפּיע 61—63. בײַ נאַכט קערן מיר זיך אום צוריק אין בונקער אויף לעשנאָ 74, ווו עס איז פאַראַן אַ דורכגאַנג אויף דער „אַרישער" זײַט.

„אין עטלעכע טעג אַרום איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שלאַכט אויף סמאָטשע 6—8 און נאָוואָליפּיע פון נומער 3 ביז 7. די היטלעריסטישע אָפּטיילונגען, וועלכע מאַרשירן צום געטאָ, ווערן פון צוויי זײַטן אַטאַקירט. פון די 56 מענטשן פון דער פּפּ"רישער קאַמפּסגרופּע אויפן טעבענס־געביט זע־נען געבליבן לעבן נאָר 14".

אויך באָרג דערציילט וועגן דעם, אַז די היטלעריסטן האָבן אַרײַנגעלאָזט אין די בונקערס גאַז.

וויכטיק איז געווען באָרגס דערציילונג, ווי אַזוי מען האָט אים מיט אַ גאַנצן צוג געפירט קיין טרעבלינקע. דאָס איז געווען נאָכן 14טן מײַ. וויכטיק איז דאָס דערפאַר, ווײַל די פאַרטיידיקונג האָט זיך באַמיט צו דערווײַזן, אַז מען האָט שוין דעמאָלט נישט געפירט קיין טרעבלינקע, און דעריבער האָט סטראָאָפּ נישט געקאָנט וויסן, אַז מען פירט די ייִדן אויף טויט. 29) באָרג איז געווען צווישן די, וועלכע מען האָט געפירט קיין טרעבלינקע, און פון דאַנען — וואָס איז געווען אין טרעבלינקע אַ זעלטענע דערשײַנונג — קיין מאַי־דאַנעק.

---

27) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, זײַטן 111—117.

28) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, דריטער טאָג, זײַטן 53—58.

29) פאַקטיש האָט מען קיין טרעבלינקע געפירט טראַנספּאָרטן מיט ייִדן אויך אין דער צווייטער העלפט אויגוסט 1943.



קינדער, קרבנות פון הונגער און עפּידעמיעס



אַש־אורנעס פון פאַרשידענע טויט־לאַגערן



בונקער פון שטאַב פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע





געפאַנגענע אויפשטענדלער ווערן געפירט צום דערשיסן



אויפשטענדלער, וואָס זענען געפאַלן אין קאַמף



די וואַרשעווער סינאַגאָגע, די לעצטע פעסטונג פון וואַרשעווער
געטאָ, וואָס די נאַציס האָבן חרוב געמאַכט



אַ טראַמווײַ פאַר ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ. דער מגן דוויד
אויבן איז אַן אָנווייז, אַז אינעם טראַמווײַ מעגן פאָרן בלויז
ייִדן און אַז ער טאָר ניט אַרויס פון געטאָ.



די ערשטע „לאַפּאַנקע" פון ייִדן אין וואַרשע. דאָס בילד געפונען בײַ
אַ דערהרגעטען דײַטשן אָפיציר אין אָקטאָבער 1943



ארויסגעטריבענע ייִדן פון די בונקערס ווערן אָפּגעפירט
צום עקזעקוציע־פּלאַץ



אַ גרופּע וואַרשעווער ייִדן ווערן געפירט דורך די נאַצישע מערדערס צו די שחיטה



אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, געפירט צו דער אַרבעט



פייניקונגס־באַנק



אַ ייִדישע פאַמיליע אין וואַרשעווער געטאָ. (צייכענונג פון אַרטור שיק)



עטלעכע אויוונס צוזאַמען, אַ פאַבריק... די העכסטע מדרגה פון
מאַסן־מאָרד ... אויסגעפירט דורך די „העכסטע" ראַסע

ווענן אַ דריטן אָפּשניט — ווענן מוראַנאָוו — גיט איבער אין זײַן עדות־זאָגן ד"ר רישאַרד וואַלעווסקי. ער דערקלערט צווישן אַנדערן אַט וואָס: 30)

„אויף מוראַנאָווסקע דויערן פּאָליציי־קאַמפן אָן איבעררײַס דרײַ טעג. דאָס איינציקע מאַשין־געווער פון די ייִדן פאַרהאַלט דאָ דעם שונא אין משך פון צוויי טעג. די קרוינונג פון אַט דעם ערשטן עטאַפּ איז געווען דאָס אויסהענגען אַ פאָן, וועלכע האָט אין משך פון עטלעכע צענדליק שעה געפלאַטערט אויף איינעם פון די גרעסטע בנינים פון מוראַנאָווער פּלאַץ".

וואַלעווסקיס עדות־זאָגן באַרײַכערט אונדזערע ידיעות מיט עטלעכע וויכטיקע פּרטים: דאָס אויסשטעלן מצד דעם שונא האַרמאַטן אויך פון דער זײַט פון מוראַנאָוו; די צוויימאָליקע קאַמפּס־אַרויסטריטן פון פּוילישע גרופּעס פון דער מוראַנאָווער זײַט; דער אײַנדרוק פון דעם סאָוועטישן אָנפאַל דעם 13טן מײַ; די ספּאָראַדישע קאַמפן פון די חורבות־גרופּעס פון נאַלעווקעס, פראַנציסקאַנער, קוזשע. אַט ווי וואַלעווסקי כאַראַקטעריזירט די קאַמפּס־אַרויסטריטן פון די פּוילישע גרופּעס פון דער מוראַנאָווער זײַט:

„אין דער געגנט פון מוראַנאָוו האָבן אונדז צוויי מאָל געראַטעוועט די אַרויסטריטן פון פּוילישע גרופּעס וועלכע האָבן אַטאַקירט די היטלעריסטישע פּאָסטנס, געוואָרפן גראַנאַטן אויף דער עס־עס, כדי צו קאָנען אַדורכגיין אויף דעם מוראַנאָווער פּלאַץ. דאָס איז געווען פאַר אונדז אַ קאָלאָסאַלע הילף און ווען נישט אַט דער אָנגריף פון אויסן, וואָלט שווער געווען צו זאָגן, צי דער קאַמף אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ וואָלט געגעבן אַזאַ עפעקטיוון רעזולטאַט".

עס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט אויסצופאָרשן די פּראָבלעם. וואַסילעווסקיס עדות־זאָגן וואַרפט אַ געוויסן שײַן אויף דער פראַגע: אַ דאַנק וואָס איז געלונגען אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ צו פאַרהאַלטן דעם שונא אין משך פון צוויי, אָדער אפשר פון דרײַ טעג.

ווענן דעם אײַנדרוק פון דעם אָנפאַל פון דער סאָוועטישער אַוויאַציע דעם 13טן מײַ, ברענגט דער עדות דעם ווײַטערדיקן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטימונגען אין געטאָ אין די טעג און נעכט פון פאַרצווייפלטן לעצטן קאַמף און גסיסה:

„איין ייִנגל האָט דערציילט, אַז גאַנצע נעכט ליגט ער מיטן אויער בײַ דער ערד און הערט אָפּהילכן פון שווערע סאָוועטישע טאַנקען, וועלכע דערנענטערן זיך צו וואַרשע, און אַז די דערלייזונג איז נאָענט. מען דאַרף אויסדויערן נאָך אַ טאָג, אַ וואָך, אַ חודש. דאָס זענען אין אַט די זייער שווערע צײַטן מאָמענטן פון עפּעס אַ פּסיכישן ווענטילאַטאָר".

וויכטיק זענען אויך די אינפאָרמאַציעס, וועלכע עס האָט איבערגעגעבן דער עדות ווענן דעם, אַז אויפן הויף פראַנציסקאַנער 28 האָבן די היטלעריסטן אײַנגעאָרדנט אַן עקזעקוציע־פּלאַץ. 31) אַזעלכע טויטפּלעצער זענען, ווײַזט אויס געווען עטלעכע אין געטאָ.

30) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, דריטער טאָג, זײַטן 8—24.

31) ווײַזט אויס, אַז דאָס איז דער זעלביקער עקזעקוציע־פּלאַץ, וואָס איז געווען אין הויף פון ברויערס שאָפּ (נאַלעווקעס עק פראַנטשישקאַנער).

חוץ אויף פראַנטשישקאַנער איז געווען אויך אויפן יודענראַט־הויף, אויפן גענשער בית־עולם א"א.

עטלעכע וויכטיקע נײַע פּרטים האָבן אַרײַנגעבראַכט די פּוילישע עדות, וועלכע האָבן זיך געפונען, צוליב די, אָדער אַנדערע סיבות, אויפן אָרט פון די געשעענישן און האָבן זיך אָנגעטראָפן מיטן באַשולדיקטן סטראָאָפּ. דער עדות פּאַוועל גאַלאָמבעק איז געווען אַ „גראַנאַטאָווער" פּאָליציאַנט און האָט זיך אַמטלעך געפונען אין משך פון עטלעכע טעג פונעם אויפשטאַנד אין געטאָ. אַט וואָס ער גיט איבער: 32)

„איך האָב געזען סטראָאָפּן צווישן דעם 25טן ביזן סוף אַפּריל אַ דרײַ פיר מאָל. איין מאָל האָב איך אים געזען אויף ניזקע־גאַס אַנטקעגן דעם מעבל־מאַגאַזין אויפן פּלעצל. סטראָאָפּ איז געזעסן אויף אַ שטיין אין דער אַרומרינגלונג פון העכערע אָפיצירן. דאָ איז געווען אויך קאָנראַד. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך אויף אַ באַלקאָן געזען צוויי אַלטע לײַט, צוויי יונגע און איין קינד. דאָס הויז האָט געברענט. ווען דאָס פײַער האָט אַרומגעכאַפּט דאָס הויז און האָט אַרויסגעזעצט אויפן באַלקאָן, האָט די יונגע פרוי גענומען רעדן צו סטראָאָפּן — אַז ער דאַרף זיך שעמען, אַז דאָס דײַטשע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן געטען, און איר, וואָס דערלויבט איר זיך צו טאָן? איך בעט נישט קיין גנאָד, ווײַל איך ווייס, אַז פון זײַן האַנט וועל איך קיין גנאָד נישט באַקומען. אָבער געדענק, אַז פאַר דעם, וואָס טרעפט אונדז הײַנט וועט דיר קיין באַצאָלונג נישט אויסמײַדן. — אין דעם מאָמענט האָט דאָס פײַער אַרומגעכאַפּט דעם באַלקאָן, און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן ברענען, און זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער עצה ווי נאָר אַראָפּשפּרינגען: צו ערשט די אַלטיטשקע, נאָך איר איז געשפּרונגען דער אַלטער, און די מוטער האָט גענומען דאָס קינד אויף דער האַנט און איז אַראָפּגעשפּרונגען פון באַלקאָן מיט קאַמף־אויסגעשרייען. נאָך איר איז געשפּרונגען דער מאַן. דעמאָלט איז סטראָאָפּ אויפגעשטאַנען און האָט געהייסן די עס־עס־לײַט, זיי זאָלן גיין און פאַרענדיקן מיט די, וואָס זענען אַרויסגעשפּרונגען פון באַלקאָן".

און ווײַטער:

„איך האָב געזען ווי ער איז געגאַנגען מיטן אויטאָמאַט איבער דזשיקע־גאַס אין דער צײַט פון דער שׂרפה אַ צוויי־דרײַ טעג שפּעטער. קאָנראַד האָט געמאַכט פאָטאָ־אויפנאַמעס.

„נאָך איין מאָל האָבן זיך געפונען אויף אַ באַלקאָן צוויי אַלטיטשקע, ביידע פאַרווונדעטע, פאַרבאַנדאַזשירטע. דער גאַנצער שטאַב האָט זיך גלײַכגילטיק צוגעקוקט צו דער סצענע. דער אַלטיטשקער איז אַרויסגעשפּרונגען און געפאַלן אויף דער ערד. זי האָט שפּרינגענדיק זיך פאַרטשעפּעט אינעם באַלקאָן און לאַנג אַזוי געהאַנגען. און זיי האָבן איראָניש געלאַכט".

פון די פּראָצעסאַקטן און פון אַנדערע עדות ווערן מיר געוווּיר, אַז אין אַזעלכע פאַלן האָבן סטראָאָפּס מענטשן געשאָסן די קרבנות.

סטראָאָפּ, וועלכער האָט איראָניש געלאַכט אין אַנבליק פון די

32) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, זײַטן 99 און 180.

אוממענטשלעכע יסורים פון זײַנע קרבנות, איז אָבער אַליין אַ גאַנץ קנאַפּער העלד. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט — ווי עס גיט איבער אין זײַן געשריבענער גבית־עדות קאָנראַד — געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ העלד און איז געבליבן זיצן פאַרן יודענראַט־בנין הינטערן בוים, וועלכער איז באַשאָסן געוואָרן דורך די ייִדישע אויפשטענדלער, האָט ער דאָך געזאָרגט וועגן אַ געהעריקער שטאַרק באַוואָפנטער שוץ פאַר דער אייגענער פּערזאָן. וועגן דעם גיט איבער דער פּוילישער עדות העלענאַ לעכאָווסקאַ, וועלכע פלעגט טאָגטעגלעך קומען פון דער „אַרישער" זײַט אין געטאָ אַריין, ווײַל זי האָט געאַרבעט אין „טראַנסאָוויאַ" אויף סטאַווקי־געסל. אינעם טאָג פון אויפשטאַנד איז זי געבליבן שטעקן אין געטאָ, און מען האָט זי אין משך פון די ערשטע פּאָר טעג נישט געוואָלט אַרויסלאָזן. אָט וואָס זי דערציילט וועגן דעם ענין, וואָס אינטערעסירט אונדז: 33)

„אין צוויי טעג אַרום איז אַהער (אין „טראַנסאָוויאַ" — ב. מ.) אָנגעקומען סטראָאָפּ און, דאַכט זיך, אויך קאָנראַד. מען האָט אַלעמען אין איינעם מיטן אינזשיניער ראָזענפעלד (מיט וועלכן דער עדות האָט געהאַט קאָנטאַקט — ב. מ.) אָפּגעפירט אויפן אומשלאַג. צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך געוואָלט צוריקציִען אין טויער אַריין, זענען דערשאָסן געוואָרן. סטראָאָפּ הייסט אָפּשיקן אויפן אומשלאַג אויך אַלע פּאָליאַקן פון דאַנען, מיך אויך. זײַטיקע מענטשן זאָגן, אַז מען טאָר נישט לאָזן קיין עדות. סוף כל סוף האָט מען די פון אונדז, וואָס האָבן געהאַט דורכגאַנגשײַנען אויף דער „אַרישער", אַרויסגעלאָזט. די פאַבריק האָט מען אונטערגעצונדן.

„ווען איך האָב זיך אין צווישן אויסבאַהאַלטן אין דער שכנישער גאַרבערײַ פון דער פירמע פּשיטולסקי, האָב איך געזען: אַנטקעגן דער פאַבריק, אַנטקעגן „טראַנסאָוויאַ" זיצט אויפן דאַך עמעצער מיט אַ מאַשין־געווער. סטראָאָפּ איז געגאַנגען אונטער דער שוץ פון צאָלרײַכע מאַשין־געווערן, וועלכע האָבן אַרומגעשטעלט אַלץ אַרום".

סטראָאָפּ איז אַזוי אַרום געווען גוט געדעקט. די מורא פאַר די קוילן פון די ייִדישע קעמפער איז, אַפּנים, געווען אַזוי גרויס, אַז סטראָאָפּ איז געווען באַשיצט נישט בלויז אַרום זיך, נאָר אויך אויפן דאַך אַנטקעגן איז געזעסן אַ באַשיצער זײַנער מיט אַ מאַשין־געווער, וועלכער האָט מסתמא געהאַט די אויפגאַבע צו קאָנטראָלירן פון אויבן דעם גאַנצן שטח אונטן.

העלענאַ לעכאָווסקאַס עדות־זאָגן פאַרמאָגט נאָך עטלעכע וויכטיקע פּרטים: ראשית — האָט מען אין „טראַנסאָוויאַ" געוווּסט אַ טאָג פאַרן אויפשטאַנד, אַז עס גרייטן זיך געשעענישן אין געטאָ. דער אינזשיניער ראָזענפעלד האָט עס בפירוש געזאָגט דעם עדות און געוואָרנט, אַז זי זאָל אויף צו מאָרגנס נישט קומען, „ווײַל עס גרייט זיך אַ ווידערשטאַנד, ווײַל איך וועל דעמאָלט טראָגן אַלע קאָנסעקווענצן פונעם קאַמף, אַזוי ווי אַלע אײַנוווינער פון געטאָ" (די ווערטער פונעם עדות). הייסט עס, אַז עס ווערט באַשטעטיקט די טעזע, אַז אין „טראַנסאָוויאַ" אויף סטאַווקי איז געווען אַ ווידערשטאַנד־גרופּע. צווייטנס — דרינגט אַרויס פון לעכאָווסקאַס עדות־זאָגן, אַז גלײַך דעם ערשטן טאָג פונעם אויפשטאַנד איז פאָרגעקומען אַ קאַמף אויף סטאַווקי אין דער געגנט פון „טראַנסאָוויאַ"; דער עדות זאָגט: „אָבער איך בין געבליבן איבער נאַכט און אין דער פרי האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד, אין דער פרי איז שוין געווען אַ שיסערײַ, אַפילו אַרום מיר זענען געפלויגן קוילן. אינזשיניער ראָזענפעלד האָט מיך געבעטן, איך זאָל פּרוּוון אַרויסגיין פון געטאָ, איך זאָל אַזוי אַרום אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט זיי". דריטנס — ווערט דורך דעם עדות באַשטעטיקט דאָס, וואָס עס האָט דערקלערט אין זײַן עדות־זאָגן ר. וואָלעווסקי, אַז דעם שונאס מאַשין־געווער האָבן אַרומגערינגלט דאָס געטאָ מיט אַ קרײַז, אָדער האַלבקרײַז. דער עדות לעכאָווסקאַ שטעלט פעסט: „טראַנסאָוויאַ" איז געלעגן בײַם געטאָ־טויער, און פון יענער זײַט מויער זענען געווען מאַשין־געווערן, און זעלנער האָבן געשאָסן אין יעדן פענצטער, וווּ מענטשן האָבן זיך נאָר באַוויזן". דאָס עדות־זאָגן פון העלענאַ לעכאָווסקאַ וועט העלפן בײַם אָריענטירן זיך אין דער סטראַטעגישער לאַגע פון קעמפנדיקן געטאָ.

אין געטאָ גופא איז בעת די געשעענישן געווען אויך דער פּוילישער עדות יוליאַן קודאַשעוויטש, דער געוו' מיטאייגנטימער פון דעם בערשטערשאָפּ — (זײַן געגוויע גבית עדות געפינט זיך אינעם אַרכיוו פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט). אינעם קריטישן טאָג, דעם 19טן אַפּריל, איז ער געלאָפן אין פאַבריק אַרײַן, כדי צו ראַטעווען קעגן אַ שׂרפה. ער האָט אַליין געזען סטראָאָפּן און אויך ער שטעלט פעסט, אַז סטראָאָפּ האָט זיך געהאַלטן אין אַ פאַרזיכערטן אָרט. דער פּרט, וואָס דער עדות קודאַשעווסקי האָט אַליין געזען סטראָאָפּן, האָט אַ באַדײַטונג, ווײַל דאָס הייסט אַז סטראָאָפּ איז אויך געווען אַ געוויסע צײַט אויפן קאַמפּאַפּשניט פונעם בערשטערגעביט. פון דעם, וואָס סטראָאָפּ גיט איבער אין זײַנע אויספאָרשונגאון געריכט־פאַרהערן איז צו זען, אַז צום שטאַרקסטן האָבן זיך אים אײַנגעקריצט אין זכרון די קאַמפן אויף נאַלעווקעס און מוראַנאָוו און צום טייל אויף זאַמענהאָף (וווּ ער איז לכתחילה דירעקט נישט געווען, ווײַל דער הויפּטקאַמף איז דאָ פאָרגעקומען פאַר טאָג, ווען עס האָט נאָך אָנגעפירט מיט די כוחות זאַממערן). דערקעגנזשע וועגן בערשטער־געביט געדענקט ער נישט, אָדער שוואַך. דער עדות דערמאָנט אים, אַז ער, סטראָאָפּ, איז געשטאַנען אויף וואָלאָווע־גאַס און אַרויסגעגעבן באַפעלן. קודאַשעוויטש גיט אויך איבער די צאָל פון סטראָאָפּס שטאַב, דאָס זענען געווען זעקס אָפיצירן, וואָס שייך דעם בילד פון די קאַמפן, האָט דער עדות, וועלכער איז דורכגעלאָפן דורכן פאַבריקס־געביט, געזען, אַז די ייִדן זיצן אויף די דעכער און שיסן אין די היטלעריסטן, און אַז שפּעטער איז דער קאַמף פאָרגעקומען אינעווייניק אין פאַבריק.

אַזוי אַרום האָט אויך דאָס עדות־זאָגן פון יוליאַן קודאַשעוויטש אַרײַנגעבראַכט עטלעכע נײַע פּרטים וועגן פאַרלויף פון די קאַמפן. 34)

אַ זייער וויכטיקן פּרט, וועלכער פאַרדינט נאָך אָבער אַ גענויע אויספאָרשונג, האָט איבערגעגעבן אין זײַן אַרויסטריט דער פאַרטרעטער פון אָט דער עדות־גרופּע, דער פּאָליאַק אינזשיניער פּאַוועל בראַנני. 35) ער דערציילט, אַז דורך דעם בית־הכסא, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער ערד אויפן ראָג נאַלעווקעס און לאַנגעגאַס, איז מיט אַ לענגערער צײַט פאַרן געטאָ־אויפשטאַנד אַרויס אַ קאַמפּגרופּע מיטן ציל צו באַפרײַען אַ גרופּע אַרעסטירטע פון פּאַוויאַק. *) דעם 29טן אַפּריל איז דער עדות צוליב געוויסע אָנגע־

33) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, דריטער טאָג, זײַטן 39—46.

34) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, ז׳ 101.

35) דאָרטן, דריטער טאָג, זײַטן 7—8.

*) עס קען זײַן, אַז דער עדות מיינט דאָ דעם קאַמף בײַם אַרסענאַל דעם 1טן אַפּריל 1943.

לעגנהייטן געווען אויף דעם אָרט און האָט געטראָפן דאָ אַ גרופּע מיליטער־לײַט מיט אַן אָפיציר אין שפּיץ, וועלכע האָט געהאַט די אויפגאַבע אויפצורײַסן דעם בית־הכסא מיטן קאַנאַל, וואָרעם (מיר ציטירן דעם עדות):

„דער דײַטשער גענעראַל האָט זיך גערעכנט דערמיט, אַז די ייִדן־אויפשטענדלער, וועלכע געפינען זיך אין בונקערס אויף פראַנטשישקאַנער און נאַלעווקעס, וועלן זיך אַרויסבאַקומען דורכן קאַנאַל, וואָס גייט לענגויס די נאַלעווקעס און דורך דעם בית־הכסא וועלן זיי זיך אַרויסבאַקומען אויף דרויסן מחוץ די געטאָ־גרענעצן. דעריבער איז אַהער געקומען אַן אָפיציר מיט זעלנער, כדי אויפצורײַסן דאָס אָרט".

די צוויי פּוילישע עדות — יוזעף פּאָגאָזשעלסקי, דער דיזשורנע פון דער באַוועגונג אין דער טרעבלינקער באַנסטאַציע אין דער אָקופּאַציע־צײַט, און באָראָווי, אַ באַן־אַרבעטער פון טרעבלינקע — ווייסן צוו"אַנד' צו דערציילן וועגן איין ווידערשטאַנד־אַקט מצד אַ גאַנצן טראַנספּאָרט, מיט וועלכן די היטלעריסטן האָבן, ווי עס זאָגן די עדות, אין משך פון צוויי טעג נישט געקאָנט זיך קיין עצה געבן. 36) דער דאָזיקער פאַקט איז באַקאַנט פון אַ גבית עדות; וואָרשײַנלעך איז דאָס געשען אין חודש מאַרץ 1943 מיט אַ טראַנספּאָרט פון גראָדנע; די ייִדן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד באַלד בײַ די וואַגאָנען, בײַם אַראָפּגיין; דרײַ עס־עס־לײַט האָט מען געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל. די גרופּע פון די אויפשטענדלער זאָל האָבן געציילט 2000 נפשות. 37)

דעם עדות פּאָגאָזשעלסקי שטעלט דער פּראָקוראָר אַ פראַגע: צי האָט דער עדות ידיעות וועגן דעם אויפשטאַנד אין טרעבלינקע?

עדות פּאָגאָזשעלסקי: איך האָב געהערט, אַז די ייִדן האָבן גענומען געווער אין האַנט אַרײַן און אונטערגעצונדן די באַראַקן. נאָך דער שרפה פון די באַראַקן האָט מען שוין מער קיין ייִדן נישט געבראַכט, דאַקעגן־זשע האָט מען אומגעבראַכט די פאַרבליבענע. 38)

עפּעס מער ווייסט וועגן דעם טרעבלינקער אויפשטאַנד (פון צווייטן אויגוסט 1943) צו דערציילן דער צווייטער עדות באָראָווי:

„עס איז געווען אפשר צוויי צי דרײַ אַ זייגער (בײַ טאָג — ב. מ.). צו ערשט האָט מען געהערט שאָסן. לכתחילה זענען דאָס געווען ביקסנשאָסן, דערנאָך האָט מען געהערט אויפרײַסן פון גראַנאַטן און צום סוף האָבן זיך שוין גענומען שיטן שאָסן זייער געדיכט, און עס האָט זיך באַוויזן אַ פײַער. אַזוי ווי דער פּלויט איז געווען אַרומגערינגלט מיט טרוקענע סאָסנעהאָלץ און דאָרטן איז געווען אַ בענזינסקלאַד, האָט אַלץ גענומען ברענען און אויך די באַראַקן. דער לאַגער־קאָמענדאַנט פראַנץ האָט מורא געהאַט אַרויסצוגיין. די אויפשטענדלער האָבן געמאַכט דרײַ לעכער און זענען אַרויס. נאָכן פאַרברענען דעם לאַגער האָט מען שוין אַהער נישט געשיקט קיין טראַנספּאָרטן, זיי זענען שוין געגאַנגען קיין מאַידאַנעק". 39)

36) דאָרטן, צווייטער טאָג, זײַטן 104—106 און 107—110.
37) ג"ע פון שמואל ווילענבערג, ארכי ייִדי היסטי אינסטי פּראָטי נומי 4010.
38) ווי געזאָגט אין הערה 29, איז דער עדות אין אַ טעות. מען האָט געבראַכט קיין טרעבלינקע טראַנספּאָרטן אויך נאָכן 2טן אויגוסט 1943.
39) זע די פריִערדיקע הערה.

אַ שטאַרקן אײַנדרוק האָט אויפן געריכט געמאַכט דער אַרויסטריט פון דעם גרײַז־גראָען וועטעראַן פון דער פּוילישער אַרבעטערבאַוועגונג און דעם אָנפירער פון דער הילפסאַקציע פאַרן קעמפנדיקן געטאָ, פראַנטשישעק לענטשיצקי. דער דאָזיקער עדות האָט זיך טאַקע דירעקט נישט אָנגעטראָפן נישט מיטן באַשולדיקטן סטראָאָפּ און נישט מיטן באַשולדיקטן קאָנראַד, אָבער זײַן טעטיקייט אין דעם צײַטאָפּשניט אַפּריל־מײַ 1943 און שפּעטער איז געווען געבונדן מיט די געשעענישן אין געטאָ און בפרט מיט אַרויסראַטעווען די קרבנות פון די ציין פון דעם היטלעריסטישן וואָלף. דער אַרויסטריט פונעם עדות לענטשיצקי האָט געהאַט נישט בלויז אַ מאָראַלישן באַטײַט, נאָר ער האָט אויך באַגלייבטיקט אַ ריי נײַע פאַקטן צו דער אויפשטאַנד־געשיכטע און צו די קעגנזײַטיקע באַציִונגען פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין דער גוואַרדיאַ לודאָווע. אַ ריי פעסטשטעלונגען פונעם עדות זענען אַזוי ווײַט אויטאָריטאַטיוו, אַז זיי דאַרפן אַרײַנגיין אין דער דאָקומענטאַציע פון דער אויפשטאַנד־געשיכטע. דער עדות פראַנטשישעק לענטשיצקי האָט — נאָכן געבן אַ בילד פון שאָטן און ליכט פון די ייִדישפּוילישע באַציִונגען אין די אַמאָליקע צײַטן — דערקלערט אָט וואָס: 40)

„יעדעס פּפּ"ריש הויז, יעדעס גוואַרדייִש הויז איז געווען אַן אַזיל פאַר ייִדן און פאַר סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע. אונדזער פּאַרטיי פּפּ"ר האָט געדונגען העכער צען הײַזער אין דער געגנט הינטער וואַרשע, ווו מיר האָבן אײַנגעאָרדנט די צום מערסטן ווערטפולע יחידים, וועלכע מיר האָבן אַרויסגעצויגן פון געטאָ. מיר האָבן דאָ אויך באַהאַלטן די ייִדישע יוגנט, וואָס איז געווען פעיִק צום קאַמף. צווישן די געראַטעוועטע זענען חוץ אַרבעטער געווען אויך מענטשן פון פרײַע פּראָפעסיעס. די דאָקטוירים זענען געגאַנגען צו דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג, כדי צו קעמפן אין די רייען פון גוואַרדיאַ לודאָווע קעגן דעם אָקופּאַנט.

„עס איז אַ באַוווּסטע זאַך, אַז פאַר אויסבאַהאַלטן אַ ייִד האָט געדראָט דער טויט און אַז נישט זעלטן זענען אומגעקומען צוליב דעם גאַנצע משפחות. אין די דערפער האָט מען געמאָרדעט פאַמיליעס און געברענט, חרוב געמאַכט דאָס גאַנצע האָב און גוטס. אין וואַרשע און אין אַ ריי גרעסערע שטעט האָבן מיר געהאַט זייער צאָלרײַכע קרבנות אין שײַכות מיטן אויסבאַהאַלטן ייִדן. מען האָט געראַטעוועט אַ סך קינדער". איבערגייענדיק צום געטאָ־אויפשטאַנד, דערקלערט דער עדות:

„ווי אַ סאָלדאַט פון גוואַרדיאַ לודאָווע האָב איך באַקומען די אויפגאַבע צו העלפן דעם געטאָ אין דער אָרגאַניזירונג פון באַוואָפנטן אויפשטאַנד. מײַן אויפגאַבע איז געווען אײַנצוהאַלטן אַן ענגן קאָנטאַקט אין געטאָ אין דער ערשטער ריי מיט די פאָרשטייער פון מײַן פּאַרטיי פּפּ"ר, וועלכע האָבן געשאַפן אַ באַזונדערן ראַיאָן, אַ ק"ד (קאָמיטעט דזשעלניצאָווי, ראַיאָן־קאָמיטעט — ב. מ.). איך האָב אויך געדאַרפט ברענגען הילף, צושטעלן געווער, אַמוניציע, שפּײַז פאַר דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

„דעם קאַמף האָבן אויפגענומען אין אַן אַנטשפּרעכנדיקן מאָמענט די ייִדישע אַרבעטער, די ייִדישע יוגנט. דאָס איז געווען זייער אַ קאַמפּסלוסטיקער עלעמענט.

40) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, צווייטער טאָג, זײַטן 85—90.

„איך וויל דאָ זאָגן וועגן איין מאָמענט, וועלכער האָט זײַן העלדישן אויסקלאַנג. קיינעם פון אונדזערע חברים אויף דער „אַרישער" זײַט און אויך נישט אונדזערע חברים אין געטאָ איז נישט געקומען אויפן געדאַנק צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ, הגם מיר האָבן געקאָנט אונדזערע חברים, כאָטש אין אַ באַשיידענער מאָס, העלפן. אָבער דער געדאַנק איז אפילו נישט אַנטשטאַנען, ווײַל דאָרטן, ווו עס לײַדט און עס קומט אום דאָס גאַנצע פאָלק, מוזן בלײַבן אויך אונדזערע חברים, פּוילישע צי ייִדישע רעוואָלוציאָנערן, בלײַבן צוזאַמען מיט זייער פאָלק. פון אונדזערע חברים אין געטאָ, וועלכע האָבן געהערט צו דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, איז כמעט קיינער נישט געבליבן לעבן.

„איך וויל נאָך אויך זאָגן, אַז אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון פּפּ"ר איז אַנטשטאַנען דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט, וועלכער האָט פאַראייניקט אין זיך אַלע פּראָגרעסיווע ייִדן אָן אונטערשיד פון זייערע פּאָליטישע איבערצײַגונגען. מען דאַרף אָנערקענען, אַז אויך אומפּאַרטייִשע, בונדישע און ציוניסטישע יוגנט, האָבן געקעמפט העלדיש ביזן סוף אָרעם־בײַ־אָרעם מיט אונדזערע חברים פון פּפּ"ר.

„אונדזער קאַמפּסהילף הינטער די מויערן פון געטאָ האָבן מיר אָנגערופן — באַוואָפנטע מאַניפעסטאַציע, ווײַל מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט פאַרמאָגט קיין גענוגנדיקע כוחות, כדי צו דערצידירן וועגן זיג.

„מיר האָבן ליקווידירט עטלעכע היטלעריסטישע פּאָסטנס אויף דער „אַרישער" זײַט. אויפן צווייטן טאָג האָבן די דײַטשע פּאָסטנס געמוזט זיך אָפּטראָגן".

אזוי אַרום האָט אַזאַ אויטאָריטאַטיווער עדות ווי פראַנטשישעק לענטשיצקי באַשטעטיקט די טעזע וועגן דעם, אַז די ייִדישע מיטגלידער פון פּפּ"ר, וועלכע זענען געווען אין געטאָ, האָבן נישט געטראַכט וועגן פאַרלאָזן דעם דאָזיקן פּלאַצדאַרם — ווי עס ווילן עס אײַנרעדן געוויסע מחברים — און זענען געבליבן קעמפן ביזן סוף מיט זייער פאָלק. לענטשיצקי באַשטעטיקט אויך, אַז דאָס איז געווען די אײַנשטעלונג פון דער פּאַרטיי ווי אַזעלכע. ער שטרײַכט אויך אונטער די איניציאַטיוו־ראָלע פון פּפּ"ר בײַם שאַפן דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, ד"ה — די ערשטע פאָרמען פון נאַציאָנאַלן קאַמפּספראָנט פון די ייִדן אין געטאָ.

אַ דערגאַנצונג צו פראַנטשישעק לענטשיצקיס עדות־זאָגן איז געווען דער אַרויסטריט פון אַ צווייטן עדות וולאַדיסלאַוו לעגעץ. אויך לעגעץ איז אַן אַלטער פּוילישער פּראָלעטאַרישער אַקטיוויסט, הגם אַ ביסל ייִנגער פון לענטשיצקין. מיטן נאָמען פון וולאַדיסלאַוו לעגעץ און פון זײַן פרוי סטאַניסלאַווא איז פאַרבונדן איינער פון די וויכטיקסטע קאַפּיטלען פון דער טעטיקייט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. די לעגעצעס, ווי אַקטיווע מיטגלידער פון פּפּ"ר און פון גוואַרדיאַ לודאָוואַ, האָבן געשטעלט זייער דירה אויף שטשיגלע־גאַס נומער 3 אין רשות פון די פאַרבינדלער און שליחים פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון געטאָ. דאָ האָבן זיי זיך געטראָפן מיט די פאָרשטייער פון דער פּוילישער אַנטיפאַשיסטיש־פּאַטריאָטישער אונטערערד.

דער עדות לעגעץ גיט צו אַ ריי וויכטיקע נײַע פּרטים פון זײַן טעטיקייט־געביט 41).

קודם־כל — וואָס שײַך דער געטאָ־אויפשטאַנדצײַט גופא: ווען עס איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד — דערציילט לעגעץ —

„האָבן מיר אָפּגעגעבן פאַר די אויפשטענדלער כמעט דאָס גאַנצע געווער, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט פאַרמאָגט אין ווארשע, און מיר האָבן באַפוילן אונדזערע חברים אײַנצוקויפן פאַרן געטאָ געווער ווו נאָר עס לאָזט זיך. דער חבר „בראָדאַ" (לענטשיצקיס פּסעוודאָנים — ב. מ.) האָט געהאַט אַ ספּעציעלע גרופּע חברים, וועלכע האָבן איבערגעטראָגן דאָס געווער דורך דעם געביט פון פּאָוואָנזעק אין געטאָ אַרײַן, דער עיקר בײַ נאַכט. „בראָדאַ" איז געווען אַ מיטגליד פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון פּפּ"ר אין פּאָוואָנזעק. לכתחילה האָט מען דאָס געווער אַריבערגעוואָרפן דורכן מויער, אָבער דאָס איז געווען באַשווערט. האָט מען אויסגענוצט דעם פּאָוואָנזקער געביט. איבערגעשיקט האָבן מיר גראַנאַטן און קורץ געווער. זייער אַקטיוו איז אויפן געביט פון אײַנקויפן און אַריבערוואַרפן געווער געווען די חברטע קרענגלעווסקאַ, פּסעוודאָנים „יאַסנאַ". זי האָט געקענט דײַטש און זיך אַן עצה געגעבן בײַם אײַנשאַפן געווער. איין מאָל האָט זי פאַר אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט באַקומען קורץ געווער און אַ רעוואָלווער".

פון די ייִדישע אויפשטענדלער געדענקט לעגעץ דעם יונגן יעזשי זאָלאָטאָוו, אַ פּפּ"ר־חבר, וועלכער איז אומגעקומען אויפן באַנק־פּלאַץ, אַ דערהרגעטער דורכן שונא. ער געדענקט אויך אַ ריי פאַרבינדלער פון זשאָב, וועלכע פלעגן קומען אויף שטשיגלע.

אַ וויכטיקן פּרט ברענגט לעגעץ אין שײַכות מיט די אַקציעס פון פּוילישע פּאַטריאָטן פון אויסן. חוץ דעם באַקאַנטן פאַקט פון אַטאַקירן די היטלעריסטישע באַטעריע אויפן קראַשינסקי־פּלאַץ, גיט ער איבער וועגן אַן ענלעכן אָנגריף פון דער צפון־זײַט.

„דער צווייטער אָנגריף — דערקלערט ער — איז געווען פון דער צפון־זײַט, אַנטקעגן דעם שפּיטאָל פון הייליקן יאַן. דאָ איז געשטאַנען אַ נעסט פון מאַשין־געווער, וועלכע האָבן באַשאָסן יעדן איינעם, וואָס האָט זיך נאָר באַוויזן אויף די דעכער און אין די פענצטער און אויך די, וואָס זענען געשפּרונגען. דאָ האָט אַ פּוילישע גרופּע אויך באַוואָרפן מיט גראַנאַטן די באַדינונג פון אָט די מאַשין־געווערן. עס איז דאָ אַרויסגעטרעטן אַ גרופּע פון זעקס אונדזערע מענטשן".

וועגן אָט דעם אַרויסטריט האָבן מיר ידיעות אויך פון אַנדערע קוואַלן. עס איז נאָך אַ פראַגע אויסצופאָרשן, צי אויף דעם אָפּשניט איז געווען איין קאַמף־אַרויסטריט, אָדער צוויי.

דער עדות לעגעץ וואַרפט צו אַ פּאָר נײַע פּרטים וועגן דער שלאַכט אויף מיאָדאָווע, ווו עס האָבן זיך אין אַ הויז געפונען עטלעכע קעמפער, וועלכע זענען אַרויס פון געטאָ.

„עס זענען דאַכט זיך — דערציילט ער — אומגעקומען זיבן מענטשן אויף מיאָדאָווע אין אַ קעלער. זיי זענען אַהער געקומען פון געטאָ דורך אַ קאַנאַל. זיי האָבן געוואַרט ביז עס וועט ווערן טונקל און זיי וועלן קאָנען זיך אַריבערכאַפּן אויף שטשיגלע 3, ווו זיי וואָלטן באַקומען קאָנטאַקטן. זיי זענען אָבער אויסגעגעבן געוואָרן. עס האָט זיך פאַרקניפּט אַ שלאַכט, און זיי זענען געפאַלן אין קאַמף".

דאָס דריטע וויכטיקע בינטל פאַקטן, וועלכע עס ברענגט אַרויס דער עדות לעגעץ, איז נוגע דעם פּאַרטיזאַנישן קאַמף פון די ייִדישע אויפשטענדלער נאָך דעם, ווי זיי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן

41) אָריגינאַל פונעם סטענאָגראַם פון פּראָצעס, דריטער טאָג, זײַטן 39—46.

דורך דער גוואַרדיאַ לודאָוואַ פון געטאָ און פון וואַרשע בכלל, אין וואַלד. אויך מיט דעם אָפּשניט איז געווען פאַרבונדן די טעטיקייט פונעם עדות. אָט וואָס ער גיט איבער וועגן דעם:

„אין וואַלד אין לאָמיאַנקי זענען די זשאָבאָוועצעס געווען 10 טעג. דער חודש מײַ איז געווען אַ קאַלטער, און מיר האָבן זיי געבראַכט קאָצן. עס האָבן זיך דעמאָלט גראָד אין לאָמיאַנקי, בײַם ברעג פון וואַלד, אָנגעהויבן מאַסן־עקזעקוציעס. די ייִדן זענען אַוועק טיפער אין וואַלד. מיטן אַריבערפירן זיי האָבן זיך פאַרנומען דער פּאָלקאָווניק סענק־מאַלעצקי און גאַיִק (קשאַטשעק — ב. מ.), וועלכער איז שפּעטער דערשאָסן געוואָרן דורך די היטלעריסטן. גאַיִק האָט זיי אײַנגעאָרדנט אין דער ראַדזימינער געגנט אין די וועלדער און האָט צו אונדז געשיקט אַ דעפּעשע, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. דאָס איז געווען אַ היסטאָרישער דאָקומענט, און ער האָט זיך געפונען בײַ אַ שומר, וואָס איז שפּעטער אומגעקומען אויף ראַנדאָ וואַשינגטאָנאַ 42).

„די ייִדישע קעמפּער האָבן אין וואַלד אָפּגעהאַלטן אַ ריי שלאַכטן מיטן שונא. איין מיידל פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, איבערגעטאָן פאַר אַ פּויערטע, האָט געפירט פאַר זיי אין וואַלד אַרײַן עסן און אינפאָרמאַציעס. זי איז דאָרטן געווען, אויפן צוריקוועגס איז זי אַרײַנגעפאַלן, און מען האָט זי פאַרשיקט אין אַ לאַגער. עס איז איר געלונגען אַנטלויפן פון דאָרטן, זי איז אָנגעקומען אויף שטשיגלע און דערציילט וועגן דער העלדישקייט פון די ייִדישע קעמפּער. איינער פון אונדזערע העלדישסטע ייִדישע חברים איז בעת אַ שלאַכט אין וואַלד שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און איז אָפּגעלעגן דרײַ טעג מיט אַ דורכגעשאָסענעם בויך. אין קאַמף אין וואַלד איז אויך געפאַלן נאָך אַ העלדישן ווידערשטאַנד אונדזערס אַ חברטע, אַ געוועזענע סטודענטקע פון דער העברעער שול פון דאָרפּווירטשאַפט. איר פאָטער איז געווען אַ רב".

אַזוי האָט לעגעצעס עדות־זאָגן געבראַכט אַ ריי נײַע וויכטיקע פּרטים פאַר אונדזער געטאָ־אויפשטאַנד־פאָרשונג, אונטערשטרײַכנדיק אַז די פּפּ"ר איז געווען דער איינציקער כוח, וואָס האָט געהאָלפן די ייִדן אין דער צײַט און נאָכן אויפשטאַנד.

42) דער שומר, וועגן וועלכן עס רעדט לעגעץ, זאָל זײַן טוביה שיינגוט („טאַדעק"), וועלכער איז טאַקע אומגעקומען אויף וואַשינגטאָן־גאַס 80 אין דער וווינונג פון פּוילישן פּראָפאַריינישן טוער סטעפאַן פּאָקראָפּעק (פאַרגלײַך בײַ מ. נייַשטאַט „חורבן און אומקום פון די ייִדן אין וואַרשע", זײַט 556). וועגן דעם אָבער, אַז בײַ אים זאָל זיך געפינען די דעפּעשע, גיט איבער צום ערשטן מאָל לעגעץ. פאַרגלײַך אויך: ר. גערבער: „די פּוילישע דעמאָקראַטיע און דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ", „בלעטער פאַר געשיכטע", ב' 1, ה' 2, ז' 65.

אין סך־הכל קאָן מען זאָגן, אַז דער עדות־פאַרהער פאַרן געריכט 43) האָט נישט בלויז באַקרעפטיקט און בײַגעשטײַערט צום באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די צוויי געמשפּטע קריגס־פאַרברעכער, נאָר אויך באַרײַכערט אונדזערע ידיעות וועגן די טראַגישע און העראָישע געשעענישן אין וואַרשעווער געטאָ אין אַפּריל־מײַ 1943.

דורך די באַזונדערע פּרטים, וועלכע עס האָבן אַרויסגעבראַכט די באַשולדיקטע, די עדות, די עקספּערטן און די בײַגעלייגטע דאָקומענטן, איז אויסגעוואַקסן פאַר די אויגן פונעם געריכט אַ בילד פון דער גרויסקייט פון דעם העלדישן אַקט, וואָס רופט זיך אָן — אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ, וועלכן דער פּראָקוראָר לעאָן פּענער האָט אין זײַן באַשולדיקונגס־רעדע באַצייכנט ווי „אַ פראָנט, וואָס האָט געשאַפן אַן אָפּשניט פון גרויסן זיגרײַכן סטאַלינגראַדישן פראָנט".

עס איז אויך אַרויסגעקומען דאָס גרויליקע בילד פון דער שוידערלעכער קאַטאַסטראָפע פון וואַרשעווער און פּוילישן ייִדנטום בכלל. עס זענען אויך אויפגעדעקט געוואָרן די פאַרבאָרגענע סאָציאַלע שפּרינגפעדערן פון דער קאַטאַסטראָפע פון ייִדישן פאָלק. „וואָס מער מען האָט ייִדן געמאָרדעט, אָדער פאַרשיקט אין די קאָנצלאַגערן — האָט געזאָגט אין זײַן רעדע דער פּראָקוראָר יאַן רוסעק — אַלץ מער איז געוואַקסן דאָס רײַכטום פון די פּרײַסישע און רורישע פינאַנץ־מאַגנאַטן".

עס איז אַרויסגעקומען דאָס אמתע חיהשע פּנים פונעם פאַשיזם. כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם איז געווען די דערקלערונג פון יורגען סטראָאָפּ, אַז אויפן אָרט פון אַ לעבעדיקן שטאָטראַיאָן האָט געדאַרפט, נאָכן ליקווידירן די ייִדן, אַנטשטיין אַ גראָזפּלאַץ. אויסהרגענען הונדערטער טויזנטער מענטשן, כדי צו שאַפן אַ גרויסן גאָרטן, אָדער גראָזפּלאַץ — אָט איז אַ בולטער אויסדרוק פון מענטשן־פײַנדלעכן חיהשן פּרצוף פונעם פאַשיזם. קעגן דעם, קעגן פאַשיזם, האָבן געקעמפט די העלדישע אויפשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ.

פּראָקוראָר רוסעק האָט זײַן רעדע פאַרענדיקט מיט אַ הימן פאַרן ייִדישן אויפשטאַנד: „אָפּגעשווינדלט, דערדריקט, פאַרפּײַניקט האָבן זיי (די ייִדן פון וואַרשעווער געטאָ — ב. מ.) פאַרשטאַנען, אַז עס זענען נישט פאַראַן אין דער היטלעריסטישער סיסטעם קיין גוטע און שלעכטע עס־עס־לײַט, זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז אומקומענדיק אין קאַמף, שאַפן זיי געשיכטע, וועלכע וועט איבערדויערן דורות".

43) מיר שטעלן זיך דאָ נישט אָפּ אויף די עדות־זאָגן פון אַנדערע עדות אויפן פּראָצעס, ווײַל זיי האָבן נישט קיין וועזנטלעכן באַטײַט פאַר אונדזער טעמע.



י. פריידקעס (בוענאָס־אײַרעס)

# דער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד און אונדזער יישוב

דאָס יאָר 1943 איז געווען אַ יאָר פון גרויסע האָפענונגען פאַר דער מענטשהייט. נאָך די צעשמעטערנדיקע קלעפּ וואָס די היטלעריסטישע חיילות האָבן געכאַפּט בײַ סטאַלינגראַד, איז אין דער גאַנצער וועלט געוואַקסן דער גלויבן אין דער ענדגילטיקער מפּלה פונעם נאַציזם. יעדן טאָג האָט מען מיט אומגעדולד אויסגעקוקט אויף דער עפענונג פון צווייטן פראָנט, וואָס האָט געדאַרפט ברענגען די שנעלע באַפרײַונג פון די אונטערייאָכטע פעלקער און במילא אויך אַ ישועה פאַר די הונדערטער טויזנטער ייִדן, פאַרשפּאַרטע אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אָבער, אָט אין דעם גורלדיקן מאָמענט פאַר דער מענטשהייט האָט זיך דערטראָגן צו אונדז, דעם 23טן אַפּריל 1943, אַ שוידערלעכע טעלעגראַמע פון לאָנדאָן, וועלכע האָט רעטראַנסמיטירט אַ ידיעה פון שטאָקהאָלם, ווו עס איז אויפגעכאַפּט געוואָרן דער ווײַטערדיקער הילפס־רוף פון אַ פּוילישער געהיימער ראַדיאָ־סטאַנציע: „סיזענען פאַרמשפּט צום טויט די לעצטע 35.000 ייִדן פון וואַרשעווער געטאָ און עס האַלט אָן אַ ביקסן־שיסערײַ אויף די אומגליקלעכע. זיי ווערן אויסגעמאָרדעט אָן שום רחמנות, פרויען און קינדער שטעלן אַ ווידערשטאַנד מיט בלויזע הענט, העלפט אונדז!...‟ און בײַ די ווערטער איז די ראַדיאָ־טראַנסמיסיע פון פּוילן איבערגעריסן געוואָרן. דעם זעלבן טאָג — אין וועלכן די צײַטונגען האָבן געמאָלדן וועגן אַ גרויסער מפּלה פון די דײַטשן אין קובאַן — איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ צווייטע קורצע טעלעגראַמע פון פּוילישע סאָציאַליסטן, געווענדט צו אַטלין, וועגן דער גרויזאַמער באַהאַנדלונג פון דער פּוילישער באַפעלקערונג דורך די נאַצישע אָקופּאַנטן און וועגן דער אויסראָטונג פון אָנדערטהאַלבן מיליאָן פּוילישע ייִדן. די טעלעגראַמע האָט געפאָדערט באַלדיקע סאַנקציעס און רעפּרעסיעס. מיט 2—3 טעג שפּעטער איז געקומען נאָך אַ טעלעגראַמע.

אַ צו קאַרגע אינפאָרמאַציע איז דאָס געווען אויף זיך צו קענען פאָרשטעלן דעם גרויסן געראַנגל און דעם העראָיִשן קאַמף, וואָס האָט זיך אין יענע טעג אָפּגעשפּילט אין וואַרשעווער געטאָ. אַזוי קאַרג, אַז קיין איינע פון די דרײַ היגע ייִדישע צײַטונגען האָט די דאָזיקע ידיעות נישט געשענקט מער ווי אַ צווייקאָלומדיק קעפּל.

טראָץ דעם קען מען נישט זאָגן, אַז די קאַרגע ידיעה האָט נישט געמאַכט קיין רושם. פאַרקערט, ווי עס איז זיך פאָרצושטעלן, האָט די נײַעס אויפגעשוידערט יעדן איינעם וואָס האָט נאָר געהאַט אַ מענטשלעך געפיל. בפרט האָט זיך אײַנגעשניטן טיף אין האַרצן דער גרויזאַמער געדאַנק אַז עס איז ליקווידירט געוואָרן דער גרעסטער ייִדישער יישוב אין אייראָפּע. ווי אַזוי האָט מען אויף איר רעאַגירט? דאָס שפּיגלט זיך צום בולטסטן אָפּ אין די ליטעראַטיקלען, וועלכע זענען צוזאַמען מיט דער טרויעריקער ידיעה דערשינען. „די אידישע צײַטונג‟ האָט דעם 23טן אַפּריל געשריבן אונטערן קעפּל „די לעצטע‟: „...בכן נאָך נישט די לעצטע. נאָך די לעצטע ייִדן פון וואַרשע וועט קומען דער „נעקסט‟ אויף די לעצטע ייִדן פון די קליינע שטעטלעך. די נאַצישע מענטשן־שעכטהײַזער האָבן נאָך אַרבעט אויף אַ געוויסער צײַט...‟ דאָס איז געווען אַלץ וואָס „די אידישע צײַטונג‟ האָט אין יענעם טאָג געשריבן. „די פּרעסע‟ האָט אין איר לייט־אַרטיקל אונטערן קעפּל „ראַטעוועט‟ געזאָגט: „דאָס ייִדישע פאָלק האָט אָנגעטרויט זײַן גורל און דאָס לעבן פון זײַנע קינדער אין די הענט פון דער אַלייִרטער דעמאָקראַטיע‟ און דעריבער האָט זי געפאָדערט פון די אַלייִרטע באַלדיקע רעפּרעסאַליעס אויף די נאַציס און צו ראַטעווען ייִדישע קרבנות (גראָד אין יענעם מאָמענט איז געווען פאַרזאַמלט די פּליטים־קאָנפערענץ אין בערמודן). „די פאָלקס־שטימע‟ האָט דעם 24טן אַפּריל געשריבן אונטערן קעפּל „מיר ווילן זיי ראַטעווען‟: „עס איז פאַראַן נאָר איין אויסוועג... — העלפן צו פאַרניכטן און אויסוואָרצלען די באַרבאַרן‟ אין דעם זעלבן נומער לייענען מיר גלייך, אויף אַן אַנדער זײַט, אַ רוף פון אַ פאָלקספרוי וואָס איז אַקטיוו אין דער הילפס־באַוועגונג, אין וועלכן זי פאַרלאַנגט „נישט פאַרזאַמען מיט דער ממשותדיקער הילף פאַר די פעלקער וואָס שלאָגן און ווילן דערשלאָגן דעם נאַציפאַשיזם‟ און אין דער רובריק „גוט מאָרגן‟ שרײַבט א. מאָרגנשטערן: „לאָמיר קרעפטיקן די הענט וואָס שלאָגן דעם שונא; אונטעריאָגן דעם זיג פון די אַלייִרטע כוחות‟.

ווי האָבן רעאַגירט די פאַרשידענע קרײַזן פון דער ייִדישער געזעלשאַפט?

דעם 24טן אַפּריל ווערט געמאָלדן, אַז דער „צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע‟ האָט אונטערגענומען שריט אין שייכות מיט די לעצטע ידיעות פון וואַרשעווער געטאָ, און ער האָט באַשלאָסן זיך צו ווענדן צום אינטערנאַציאָנאַלן רויטן־קרייץ, ער זאָל אינטערווענירן וועגן אָפּשטעלן די אויסראָטונגען; שיקן אַ טעלעגראַמע צו די פּליטים־קאָנפערענץ אין בערמודן און צום פּוילישן פּרעמיער אין לאָנדאָן, גענ' שיקאָרסקי. אין זעלבן גייסט ווערן אויך אָפּגעשיקט טעלעגראַמעס פון דער „דאַיאַ‟. אַ טאָג פריִער ווערן פאַרעפנטלעכט דורך דעם היגן ביוראָ פונעם „ייִדישן וועלט־קאָנגרעס‟ אויסצוגן פון בריוו פון דער צענטראַלע און אין זיי איז קאָנקרעטיזירט דער טעטיקייט־פּראָגראַם פון „ייִדישן וועלט־קאָנגרעס‟, וואָס באַשטייט: 1) אין „אַרויסנעמען פון גיהנום אַזוי פיל ייִדן, וויפל נאָר עס לאָזט זיך דורך דער אָנווענדונג פון אַלע

נאָר מעגלעכע מעטאָדן; 2) באַקומען די מעגלעכקייט אַרײַנצופירן שפּײַז אין די אָקופּירטע לענדער..."

אויסער אָפּשיקן די פריִער דערמאָנטע טעלעגראַמעס, באַשליסט דעם 9טן מײַ די „דאַיאַ", אויף אַ ספּעציעלער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג, דורכצופירן „אַ גרויסן רעליגיעזן אַקט, מיטן אָנטייל פון אָרטיקע רבנים און פאָרשטייערס פון דער קאַטוילישער און פּראָטעסטאַנטישער קירך". אויף דער פאַרזאַמלונג לייגט פאָר דער ה' מ. טאָוו אָנצונעמען מיטלען קעגן ייִדן וואָס האַנדלען מיט נאַצי־פירמעס, אָבער די באַהאַנדלונג פון דער פראַגע ווערט אָפּגעלייגט פאַר אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג ...ווען דער באַשלוס אײַנצואָרדענען אַן אַקט ווערט באַקאַנט אין דער עפנטלעכקייט, ווענדט זיך די „פאָלקס־אָרגאַניזאַציע קעגן אַנטיסעמיטיזם" צו דער „דאַיאַ" מיט אַ פאָרשלאַג אויסצוברייטערן דעם כאַראַקטער פון דעם אַקט, אָבער די ווענדונג בלייבט אָן אַן ענטפער. נאָך מער, דער רעליגיעזער אַקט ווערט בכלל אָפּגעלייגט און עס ווערט פּראָקלאַמירט אַן „אָנדענק־מאָנאַט". דער „צ"ק פאַר הילף די ייִדישע מלחמה־קרבנות און פּליטים" רופט צו הזכרת־נשמות און בײַשטייערונגען פאַר דער רעטונגס־אַקציע.

דער „צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע" אָרדענט יאָ אײַן אַן הזכרה־אַקט מיט אייניקע רעדנערס, אָבער מ'רעדט נישט וועגן דעם וואָס מען קען און מען דאַרף טאָן צו מאַכן אַ סוף צו די נאַצישע מערדערײַען, נאָר מען גרייפט אָן דעם ראַטן־פאַרבאַנד און מען איגנאָרירט בכלל דעם קאַמף פון די אַלייִרטע, וואָס רופט אַרויס שאַרפע פּראָטעסטן פון עולם.

די פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס קענען ליידער נישט צוליב די דעמאָלט הערשנדיקע באַדינגונגען, דורכפירן קיין אַקטן אויף זייער חשבון. דעריבער מוזן זיי זיך באַנוגענען מיטן פירן אַן אויפקלערערישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט, וואָס דריקט זיך אויס פונדאַמענטאַל אין דער הילף פאַר די אַלייִרטע כוחות. די קאָנקרעטע אויפגאַבעס, ווערן קלאָר דעפינירט דעם 25טן אַפּריל אין אַ לייטאַרטיקל פון „די פאָלקס־שטימע", ווו די פּראָבלעם ווערט אַזוי אַוועקגעשטעלט: 1) מאָביליזירן די עפנטלעכע מיינונג פאַר עפענען דעם צווייטן פראָנט, וואָס וועט פאַרשנעלערן דאָס ראַטעווען די לעבן געבליבענע ייִדן; 2) פאַרפילפאַכן די הילף פאַר די אַלייִרטע פעלקער און פאַרלאַנגען באַלדיקע רעפּרעסיעס קעגן די נאַציס, וואָס שייך דער „רעטונגס־אַקציע", די האָפענונגען אויף דער אינטערווענץ פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן־קרייץ אא"וו, זאָגט זיך אין זעלבן אַרטיקל „הילף פאַר די קרבנות, ווענדונגען צום אינטערנאַציאָנאַלן רויטן־קרייץ און וואַטיקאַן אא"וו, קענען, אין בעסטן פאַל, זײַן אַ צוגאָבטייל, כאָטש מיר ווייסן אַז מיט אַ גאַנץ דיסקוטירבאַרן רעזולטאַט".

די מאָביליזאַציע־רופן זענען נישט געווען קיין ווערטער געוואָרפן אויפן ווינט. אין יענע טעג האָבן די ייִדישע מאַסן, צוזאַמען מיט דער גאַנצער אַרגענטינער דעמאָקראַטישער באַוועגונג, געאַרבעט אַקטיוו אויף אָפּצושיקן דעם 5טן טראַנספּאָרט פון קליידער און מעדיקאַמענטן פאַר די אַנטינאַצישע פראָנטקעמפער אין ווערט פון אַ מיליאָן פּעזעס. צום באַדויערן האָט די דאָזיקע ווונדערלעכע הילפסאַרבעט, וואָס איז מער ווי אַ סאָלידאַריטעט־באַוועגונג געווען אַ מאָביליזאַציע פון כוחות, געמוזט איבערגעריסן ווערן. דאָס מיינט נישט אַז די מאַסן האָבן מער נישט געלעבט מיט די געשעענישן אין אייראָפּע. יעדער נײַער קלאַפּ, יעדע נײַע מפּלה וואָס דער נאַציזם האָט געליטן, זענען געווען אַ נײַע דערמוטיקונג און אַ נײַער סטימול צום אייגענעם קאַמף. נײַע האָפענונגען און נײַער גלויבן האָבן אָנגעפילט אַלע דעמאָקראַטישע הערצער. צום בולטסטן איז דאָס געקומען צום אויסדרוק דורך דער ספּאָנטאַנער האַלבמיליאָניקער מאַניפעסטאַציע אין טאָג פון דער באַפרייונג פון פּאַריז, אויפן „פראַנקרײַך־פּלאַץ", („פּלאַסאַ פראַנסיאַ"), וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג, און בעת וועלכער עס זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס און עס זענען געווען אימפּראָוויזירטע נומערן פון געזאַנג און רעציטאַציעס ביז האַלבער נאַכט. פאַרשטייט זיך אַז אויך די ייִדישע מאַסן האָבן מיטגעלעבט מיט אַלע זייערע חושים אָט די גרויסע היסטאָרישע געשעעניש.

עס האָט נאָך פון דעסט וועגן געדויערט כמעט אַ גאַנץ יאָר ביז די אַרגענטינער באַפעלקערונג, און צווישן זיי אויך די ייִדישע, האָט געקענט אָנהייבן אָטעמען מיט דער נײַער אַטמאָספער וואָס דער זיג איבערן היטלעריזם האָט געבראַכט פאַר דער באַפרײַטער וועלט.

## אונדזער סאָלידאַריטעט מיט די לעבן געבליבענע, אונדזער שטיצע פאַר די זיך אויפבויענדיקע יישובים

טרערן פון פרייד און טרערן פון אומענדלעכן צער און פאַרביטערונג האָט אונדז געבראַכט די מפּלה פונעם נאַציזם. ערשט איצט האָט מען זיך אָנגעהויבן באַקענען מיטן גאַנצן גרויל וואָס די נאַצישע ממשלה האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך פאַר די פעלקער פון אייראָפּע. באַזונדערס שוידערלעך האָט זיך פאָרגעשטעלט אונדזער ייִדישער „באַלאַנס". 6 מיליאָן איז אַ ציפער וואָס רעדט זיך נישט לײַכט אַרויס! פון דער גרויסער ייִדישער עדה אין פּוילן איז כמעט קיין זכר נישט געבליבן, מיטן אויסנאַם פון דעם אַן ערך פערטל מיליאָן ייִדן וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט אין ראַטן־פאַרבאַנד און די קליינע גרופּעס פּאַרטיזאַנערס, די לעבן געבליבענע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און יחידים, וועלכע האָבן אויף פאַרשידענע אופנים אויסגעמיטן דעם טויט. אויך פון רומעניע, אונגאַרן, פראַנקרײַך, בעלגיע, האָלאַנד אא"וו זענען די ציפערן געווען אויפטרייסלענדיקע. צווישן די טויזנטער פאַרוויסטע ייִשובים האָבן דעם ערשטן פּלאַץ פאַרנומען די חרובֿע און מיט פײַער אויסגעברענטע שטעט און שטעטלעך מיט אַ גרויסער ייִדישער באַפעלקערונג. עס איז געווען שווער צו טראַכטן און צו באַגרײַפן דעם גרויסן חורבן, עס איז געווען שווער צו באַנעמען מיט די חושים, וואָס פאַרא סך־הכל די היטלעריסטישע מערדערס האָבן געמאַכט פון דעם דרײַמיליאָניקן ייִדישן ייִשוב אין פּוילן, די פאָרשטעלונגסקראַפט איז געווען צו קליין אויף זיך צו שאַפן אַ בילד וועגן דעם אויסזען פון דעם ייִדישן ראַיאָן אין וואַרשע, וועלכער איז אויסגעגלײַכט געוואָרן מיט דער ערד.

עס איז נישט שווער געווען אין אַזאַ מאָמענט אַרײַנצופאַלן אין פאַרצווייפלונג. און דאָך האָבן ייִדישע פאָלקסמענטשן אין אַרגענטינע, ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, געוווּסט ווי גובר צו זײַן די שוואַכקייט און נעמען דערפילן זייער חוב. און וואָס איז געווען אונדזער חוב אין יענעם מאָמענט, אויב נישט דאָס אויסשטרעקן אונדזער ברידערלעכע סאָלידאַרישע האַנט צו די געפּײַניקטע און מאַרטיריזירטע ברידער אונדזערע, וועלכע זענען ערשט אַרויס פון גיהנום צווישן דער ייִדישער מאַסע איז רײַף געוואָרן דער געדאַנק פאַר אַ געאייניקטער סאָלידאַרישער הילפסאַרבעט, אָן קיין שום פּאָליטישע ספּעקולאַציעס אָדער קליינלעכע אויסרעכענונגען, און צום כבוד פון די ייִדישע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַרגענטינע

דאַרף געזאָגט ווערן אַז אויף זיי פאַלט אויס אַ גרויסער חלק אין די אָפּגעהאַלטענע דערגרייכונגען.

עס איז אומבאַדינגט וויכטיק צו פאַרצייכענען, אַז שוין אין יאָר 1943, ווען עס הייבן זיך ערשט אָן צו ווייַזן די קאָנטורן פון דעם צוזאַמענבראָך פונעם נאַציזם, ווערט אַרויסגערוקט אויף די שפּאַלטן פון „די פאָלקס־שטימע" דער געדאַנק וועגן גרייטן זיך און אָרגאַניזירן בכדי צו קענען בייַם ערשטן מעגלעכן מאָמענט לייַסטן די נויטיקע הילף צו די באַפרייַטע יִישובים. דער דאָזיקער געדאַנק ווערט אַלץ רייפער און רייפער אין די לאַנדסלייַט־פאַראייַנען, אין דער מאָס ווי דער זיג ווערט אַלץ נענטער, און עס הייבן אָן אויפקומען איניציאַטיווען פאַרן שאַפן נייַע פאַראייַנען פון לאַנדסמאַנשאַפטן וואָס זענען ביז דעמאָלט נישט געווען אָרגאַניזירט. דער ענין טראָגט אָבער נישט קיין ענגן לאָקאַליסטישן כאַראַקטער. אַלע פאַרשטייען, אַז די הילף דאַרף זייַן אַ קאָלעקטיווע און אַ ברייט־אָרגאַניזירטע. דאָ האָבן זיי זיך, פון דעסט וועגן, אָנגעטראָפן אויף דער פּאַסיוויטעט פון געוויסע יִידישע קרייַזן וואָס האָבן נישט אויפגענומען דעם רוף צו אַ דרינגענדיקער הילפסאַקציע. צוליב דעם קומט אויף די איניציאַטיוו בייַ אַ גרופּע לאַנדסלייַט־פאַראייַנען — 12 אין דער צאָל — צו קאָאָרדינירן זייער אַקציע, בילדנדיק אַ „ראַט פון לאַנדסלייַט־פאַראייַנען", פון וועלכן עס איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסן די „פעדעראַציע פון יִידישע לאַנדסלייַט־פאַראייַנען אין אַרגענטינע" מיט העכער 50 אָנגעשלאָסענע פאַראייַנען. זייער מיזאַמע אַרבעט און די פּאָליטישע אַקציע פון די דעמאָקראַטישע און פּראָגרעסיווע פאָלקס־אינסטיטוציעס, דערפירן דערצו, אַז עס זאָל זיך שאַפן — אויף דער באַזע פון אַן אייניקייט־פּראָגראַם — דער „פאַראייניקטער צענטראַל־קאָמיטעט צו הילף די יִידישע מלחמה־קרבנות און פּליטים", וואָס פירט אָן אין משך פון עטלעכע יאָר אַ גראַנדיעזע הילפסאַרבעט, כאָטש ווייַט נישט אין דער מאָס ווי דאָס וואָלט געקענט געטאָן ווערן, ווען אַלע אָן אויסנאַם לייגן צו אַ האַנט צו דער אַרבעט און ווען עס ווערט נישט טאָרמאָזירט די פאָלקס־איניציאַטיוו.

דאָך איז, ווי געזאָגט, אויפגעטאָן געוואָרן אַ גראַנדיעזע אַרבעט. די פאָלקס־אינסטיטוציעס האָבן נישט געוואַרט אויף קיין דירעקטיוון, נאָר מיט לייַב און לעבן זיך אַרייַנגעוואָרפן אין דער הייליקער אַרבעט, וועלכער זיי האָבן באַלד פון אָנהייב געגעבן אַ קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער. זיי האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אַז נישט וועגן פילאַנטראָפּישער הילף גייט דאָ, נאָר וועגן שאַפן אַ נייַע היים און נייַע אַרבעטס־מעגלעכקייטן פאַר די לעבן געבליבענע שאַרית הפליטה. פאַר זיי איז געווען קלאָר, אַז עס איז דרינגענדיק נייטיק אַנטקעגנצוקומען דעם „צענטראַל־קאָמיטעט פון די יִידן אין פּוילן" אין זייַן שווערער און פאַראַנטוואָרטלעכער אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן פון דאָס נייַ דאָס יִידישע לעבן אין פּוילן מיט די הונדערטער טויזנטער פון ראַטן־פאַרבאַנד צוריקגעקומענע פּוילישע יִידן. דערבייַ איז פאַר זיי נישט געווען פרעמד דער פאַקט, וואָס איצט שאַפן זיך נייַע באַדינגונגען פון אַ יִידיש לעבן אין פּוילן און אויך אין רומעניע אָדער אונגאַרן, צוליב דעם נייַ־אייַנגעשטעלטן פאָלקס־דעמאָקראַטישן רעזשים, וועלכער האָט פון ערשטן מאָמענט אָן גענומען אונטער זייַן שוץ די לעבן געבליבענע יִידן און אַרויסגעוויזן צו זיי די מאַקסימאַלע זאָרג. אין פּוילן האָט מען אַפילו געזען אויפקומען נייַע יִידישע יִישובים אין ביז איצט דורך יִידן כמעט נישט־באַוווינטע געגנטן, ווי אין נידערשלעזיע, וואָס איז געוואָרן דער הויפּט־זאַמלפּונקט פאַר די צוריקגעקומענע.

דער לאָזונג פון די אַרגענטינער יִידן איז געווען: לייַסטן קאָנ־סטרוקטיווער הילף דעם יִידישן יִישוב אין פּוילן און אין אַנדערע ערטער. און די ווערטער זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ממשותדיקס, סייַ דורך די געלטשיקונגען, סייַ דורך די קאָנקרעטע פאָרמען וואָס די זאַמלונגען האָבן אָנגענומען, ווי אין פאַל פון די טעקסטיל־אַרבעטערס, וואָס האָבן אָפּגעשיקט פאַר דעם געזאַמלטן געלט 5 וועבמאַשינען פאַר אַ וועבער־קאָאָפּעראַטיוו אין פּוילן. אויסער דעם האָט אונדזער יִישוב גלייַך פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט אייַנצושטעלן אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט די אָפּגעראַטעוועטע און זיך צוריקאויפבויענדיקע יִידישע יִישובים אין אייראָפּע. שוין אָנהייב 1947 פאָרט אַרויס פון דאַנען, אין שליחות פון דער דעמאָלטיקער פּראָגרעסיווער אויסגאַבע „דער וועג", איינער פון אירע רעדאַקטאָרן, יאָסל פריידקעס, וועלכער באַזוכט פראַנקרייַך, פּוילן און ישׂראל.

מיט אַ יאָר שפּעטער פאָרט אַרויס אַ דעלעגאַציע, אָרגאַניזירט דורך דער פעדעראַציע פון יִידישע לאַנדסלייַט־פאַראייַנען אין אַרגענטינע, אין וועלכער עס באַטייליקן זיך חיים אַפּעל און אי. הויכגעלערנטער פון דער „פעדעראַציע" און מ. שיינבוים פון וואַרשעווער לאַנדסלייַט־פאַראיין. די דעלעגאַציע באַזוכט פּוילן און פראַנקרייַך און אין ביידע לענדער גיט זי איבער אונדזער וואַרעמען ברידערלעכן גרוס. אין וואַרשע באַטייליקט זי זיך אין דעם פייַערלעכן אַקט פון אויפדעקן דעם מאָנומענט פאַר די געטאָהעלדן, ווו זי לייגט אַוועק אַ קראַנץ בלומען אין נאָמען פון אַרגענטינער יִידישן יִישוב. די דעלעגאַטן האָבן געבראַכט צו אונדז אַש און ביינער פון אָשוויענטשים, וואָס איז באַערדיקט געוואָרן אין דעם אוהל וועלכן די קהילה האָט אויסגעבויט אויפן בית־עולם פון טאַבלאַדאַ לזכר פון די 6 מיליאָן אומגעקומענע היטלער־קרבנות. דאָס אָרט איז דורך דעם געהייליקט געוואָרן פאַר אונדזער גאַנצן יִישוב און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ כסדרדיקן דערמאָנונגס־פּלאַץ פון די גרויזאַמקייטן פונעם נאַציזם. צו די וויכטיקע אויפטוען דאַרף אויך פאַררעכנט ווערן דאָס אַראָפּברענגען קיין אַרגענטינע די פאָרשטייערס פון צ"ק פון די יִידן אין פּוילן יוסף זאַק און רבקה וואָיסקאָווסקאַ, וואָס זייער באַזוך האָט פיל מיטגעהאָלפן צו דער הילפסאַקציע לטובת די יִידן אין פּוילן און אויך צו באַפעסטיקן די ברידערלעכע באַציִונג פון אונדזער יִישוב צום פּוילישן.

דאָך מוז דערמאָנט ווערן, אַז אַפילו אין דער צייַט ווען אין די פאָלקס־אינסטיטוציעס איז אָנגעגאַנגען מיטן גאַנצן ברען די הילפסאַרבעט, האָבן אַנדערע בלויז געזוכט מאָטיוון זי אונטערצוגראָבן און מיט דעם געבראַכט אַ באַדייטנדן שאָדן סייַ אונדזער אייניקייט דאָ און סייַ די יִישובים אין די נייַע פאָלקס־דעמאָקראַטיעס.

## די פאַרערונג פון העלדן און קדושים

אַ וויכטיקער מאָמענט אין שייכות מיטן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד איז די באַציִונג פון אונדזער יִישוב צו דעם אָנדענק פון די מענטשן וואָס זענען אומגעקומען אין קאַמף קעגן נאַציזם.

געוויס האָבן נישט אַלע אויפן זעלבן אופן אויפגענומען און אָפּגעשאַצט די געשעענישן. אַזוי, צום בייַשפּיל, איז בעת פאָלקס־אינסטיטוציעס, שולן און ביבליאָטעקן זענען אָנגערופן געוואָרן מיט די נעמען פון די העלדן און קדושים מרדכי אַניעלעוויטש (דער קולטור־צענטער אין דעוואָטאָ), שמעון דובנאָוו (די ביבליאָטעק בייַ דער פעדעראַציע), יאַנוש קאָרטשאַק און עמנואל רינגעלבלום (די שולן אין קאַבאַזשיטאָ און אין פּאָמפּעזשאַ־פּאַרקע־פּאַטריסיאָס), האָט די קהילה פון דער שטאָט בוענאָס־אייַרעס נישט געפונען פאַר

זיך קיין בעסערן סימבאָל, ווי אדאַם טשערניאַקאָוו, געוועזענער פּאָרזיצער פון וואַרשעווער יודענראַט, אויף וועמענס נאָמען זי האָט אָנגערופן איר זיצונגסזאַל. די ייִדישע מאַסע אַלס גאַנצע האָט אָבער, אין תוך, באַגריפן די היסטאָרישע באַדייַטונג פון די געשעעניש. די דאַטע פון 19טן אַפּריל, וואָס איז אַרייַנגעשריבן געוואָרן נישט נאָר מיט בלוט, נאָר אויך מיט גבורה און מוט אין אונדזער פאָלקס־געדעכעניש, איז געוואָרן דער חוט המשולש אַרום וועלכן עס קייטלט זיך אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט אונדזער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט.

יעדעס יאָר ווערט דער 19טער אַפּריל דערמאָנט דורך די ייִדישע מאַסן מיט ערפּאָרכט און טיפן יוראת־הכבוד, און די אַקטן וואָס ווערן זינט 1946, אָרגאַניזירט דורך דעם וואַרשעווער לאַנדס־לייַט־פאַראיין, פעדעראַציע פון לאַנדסמאַנשאַפטן און די פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אינסטיטוציעס, נעמען כסדר אָן אַ אַלץ גרעסערן און מער אימפּאָזאַנטן כאַראַקטער, מ׳קען זאָגן, אין דירעקטער פּראָפּאָרץ צו דעם וווּקס פון די נייַע געפאַרן וואָס דראָען דער מענטשהייט. די ייִדישע מענטשן פאַרשטייען אַלץ מער און מער, אַז צוליב אונדזער קיום דאַרפן מיר האַלטן הייליק די צוואה פון אונדזערע העלדן און קדושים, די צוואה פון די גבורים פון וואַרשעווער געטאָ וועגן קעמפן געאייניקט קעגן דעם געפערלעכן שונא, אונטער וועלכע פאָרמען ער זאָל זיך נישט מאַניפעסטירן; קעמפן קעגן דעם גייַסט פון יודענראַטלערייַ און קאָלאַבאָראַציאָניזם, און פאַרטיידיקן מיט אַלע כוחות דעם שלום. די ייִדישע פאָלקס־מענטשן באַגרייַפן אַז דער אויסבראָך פון אַ נייַער וועלט־מלחמה, אָדער שוין דאָס בלויזע שאַפן אַ מלחמה־אַטמאָספער, זייַען טעראָר און דראָונג מיט אַטאָמישע באָמבעס, קען זיך אָפּרופן פאַטאַל פאַר אונדזער פאָלקס־עקסיסטענץ. דערפאַר זענען אונדזערע געטאָאַקטן — און די פּראָפּאַגאַנדע וואָס ווערט אין פאַרבינדונג מיט דעם געפירט — פאַקטיש גרויסע מאַניפעסטאַציעס פון באַוווּסטזיניקן קאַמף פאַר שלום, קעגן דער ווידערדערוואַכונג פונעם נאַציזם און דעם וווּקס פון אַנטיסעמיטיזם.

פאַר די לעצטע יאָרן האָבן לײדער נישט געהאַט די לאַנדס־מאַנשאַפטן און די אַנדערע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס קיין מעגלעכקייט דורכצופירן אין בוענאָס־אײַרעס גרויסע פאָלקס־דעמאָנסטראַציעס און אפילו געטאָאַקטן האָבן געמוזט דורכגעפירט ווערן אומלעגאַל. אַלס אילוסטראַציע דערפון קען דינען דער ווייַטערדיקער אויסצוג פון אַן עפנטלעכן באַריכט וועגן דער געטאָ־פייַערונג אין 1955 ביי די וואַרשעווער: „מיר האָבן דאָס יאָר געפייַערט דעם 19טן אַפּריל ווי מאַראַנען. מיר האָבן אָפּגעריכט די הגדה פון אויפשטאַנד פונקט אַזוי ווי עס האָבן אָפּגעריכט די הגדה פון יציאת מצרים די ייִדן אין געטאָ. שטיל, באַהאַלטן אָבער מיט גלי אין די הערצער ווי יורשים פון די געפאַלענע אין אויפשטאַנד...״

אָבער, ווי גרויס די שוועריקייטן זאָלן נישט זייַן, האָבן מיר שטענדיק פאַר אונדזערע אויגן דעם העלדישן בייַשפּיל פון די געטאָ־קעמפערס און זייער אומגעבראָכענעם גלויבן, אַז:

„קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטער שעה,
ס׳וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט — מיר זענען דאָ!״



# ווער איז געווען אַנדזשעי שמידט: פיניע קאַרטין אָדער עליע מאָזעס

אין דער פּאַריזער צײַטונג „נײַע פּרעסע" איז געווען פּאַרעפּנטלעכט אַן אַרטיקל פון ל. פּײַנער אונטערן טיטל: „אַנדזשעי שמידט (פּיניע קאַרטין), דער פּאַריזער יידישער פּאָלקסטוער, וואָס איז געוואָרן ערשטער קאָמענדאַנט פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ". קורץ נאָכדעם ווי דאָס אַרטיקל איז דערשינען, זענען אָנגעקומען אין דער צײַטונג מערערע בריוו פון לייענערס, מייסטנס לאַנדסלײַט פון מינסק־מאַזאָוויעצק, וועלכע האָבן באַהויפּטעט, אַז אַנדזשעי שמידט איז דער פּסעוודאָנים נישט פון פּיניע קאַרטין, נאָר פון עליע מאָזעס, וועלכער שטאַמט טאַקע פון מינסק־מאַזאָוויעצק. ברענגען מיר דאָ אַ דערקלערונג פון פּראָפּי ב. מאַרק, פּאָרזיצער פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, וועלכער האָט נאָכגעפּאָרשט דעם ענין:

— רעדאַקציע.

דעם בריוו מיטן „פּראָטעסט" פון די פרײַנד פון עליע מאָזעס דערהאַלטן. די קאָמפּליצירטקייט פון דער פראַגע איז באַקאַנט נישט פון הײַנט. פון ערשטן מאָמענט האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף צוויי אַנדזשעי שמיטס.

אַלץ וואָס די חברים שרײַבן, איז אמת און ריכטיק. דער אמתער בעל־הבית פון פּסעוודאָנים „אַנדזשעי שמידט" איז עליע מאָזעס, וועלכער איז געווען אין שפּאַניע, דערנאָך אין ראַטן־פּאַרבאַנד און איז פון מאָסקווע געשיקט געוואָרן אַלס פּאַראַשוטיסט אין אָקטאָבער אָדער נאָוועמבער 1941 קיין פּוילן צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע. אין פּוילן איז פאַראַן דער חבר (אַן אָנגעזעענער טוער), וועלכער האָט אַרויסגעשיקט מאָזעסן מיט אַ פּאַראַשוט. עס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען די פּפּ"ר. מאָזעס איז געפלויגן לויט דער ליניע פון סאָוועטישן מיליטער. מען ווייסט אַז ער איז אָנגעקומען קיין פּוילן ערגעץ אין דער וואַרשעווער געגנט. אָבער יעדער שפּור איז נאָך אים פאַרלוירן געגאַנגען. קלאַנגען זענען פאַראַן פאַרשידענע: איינע האַלטן אַז מען האָט אים געכאַפּט און ער איז אומגעקומען, אַנדערע — אַז מען האָט אים נאָך דער מלחמה געזען אין מאָסקווע אין אַ מונדיר פון אַ סאָוועטישן אָפיציר (איך האַלט עס פאַר אַ לעגענדע). אַלן פאַלס דוכט זיך אַז איינס איז ריכטיק: עליע מאָזעס איז אין וואַרשעווער געטאָ נישט געווען. דער פאַקט וואָס געוויסע עדות האַלטן אַז ער איז דאָרטן געווען, נעמט זיך פון דעם גאַנצן מערקווירדיקן סגויל, וואָס מען האָט פאַרטוישטביידע „אַנדזשעיס", אָדער ביידע „שמידטס", מאָזעסן מיט קאַרטינען.

פּיניע קאַרטין, אָדער פּיאָטר קאַרסקי איז אַ ווירקלעכע געשטאַלט, אויך אַ קאָמוניסט, אויך אַ געוועזענער שפּאַנישער קעמפער, אויך געווען דערנאָך אין מאָסקווע. אַז קאַרטין האָט געקעמפט אין שפּאַניע איז אויסער יעדן צווייפל. קאַרטין איז געווען אַן ערנסטער פּאַרטייישער טוער. פון מאָסקווע איז ער אַרויסגעשיקט געוואָרן אַלס פּאַראַשוטיסט שפּעטער ווי מאָזעס, סוף דעצעמבער 1941, און ער איז שוין געשיקט געוואָרן לויט דער ליניע פּפּ"ר. ער איז געפלויגן אין איין עראָפּלאַן צוזאַמען מיט די גרינדער פון פּפּ"ר נאָוואָסקאַ, פינדער און אַנדערע. אין וואַרשע לעבט די חברטע מאַריאַ רוטקעוויטש, וועלכע איז געפלויגן מיט קאַרטינען צוזאַמען, און אין איינעם מיט אים אָנגעקומען הינטער וואַרשע און דערנאָך קיין וואַרשע. עס לעבט אויך די פּוילישע פרוי, בײַ וועלכער קאַרטין האָט פאַרבראַכט אין אַ קאָנספּיראַטיווער דירה די ערשטע טעג אין וואַרשע אויף דער „אַרישער" זײַט. סײַ רוטקעוויטש, סײַ די דאָזיקע פרוי, סײַ אַלעף, סײַ בערמאַן, סײַ גיטלער, סײַ אַלע ציוניסטישע עדות, ווי נאָר זיי האָבן דערזען די אמתע פאָטאָגראַפיע פון פּיניע קאַרטין, האָבן זיי אויסגערופן: „אַנדזשעי שמידט"! און אויך: „קאַרטין"! ווען זיי האָבן געזען מאָזעסעס בילד, האָבן זיי אַלע געזאָגט אין איין קול: „ס'איז נישט דער".

פון וואַנען נעמט זיך די אַסאָציאַציע פון קאַרטינען מיטן פּסעוודאָנים „אַנדזשעי שמידט", וואָס געהערט פאַקטיש צו מאָזעסן? מײַנע אַלע באַמיִונגען און ממש דעטעקטיווישע פאָרשונגען האָבן נישט געבראַכט צו קיין שום רעזולטאַט. די אַלטע פּפּ"ר־חברים מיינען אַז די סיבה איז אַזאַ: דער פּאַראָל פון פּפּ"ר צו די חברים אין געטאָ איז געווען: „אַנדזשעי", אַז מען האָט געוואָלט אין די פּוילישע פּפּ"ר־קרײַזן רעדן וועגן די חברים פון געטאָ, האָט מען באַנוצט אַ טערמין: „אַנדזשעי". דער וויכטיקסטער פאָרשטייער און פאַרבינדלער איז געווען קאַרטין (נאָך פאַר לעוואַרטאָווסקין). האָט מען אים גערופן: „אַנדזשעי". היות צווישן די חברים איז געווען פּאָפּולער דער נאָמען „אַנדזשעי שמיט" און היות מען האָט געוווּסט, אַז אויך שמיט־מאָזעס האָט פּאַראַשוטירט, האָט מען געוויס פאַרטוישט די יוצרות, און אַזוי אַרום איז קאַרטין געוואָרן „אַנדזשעי שמיט". אפילו דער געוועזענער שעף פון דעם שטאַב פון דער גוואַרדיאַ לודאָוואַ, יוזשוויאַק („וויטאָלד"), ווייסט נאָר פון אַן אַנזשעי שמיט, וועלכער איז, לויט אים קאַרטין.

די זאַך איז זייער אַ ווייטיקלעכע, עס איז טאַקע אַן עוולה וואָס מאָזעסעס פּסעוודאָנים האָט זיך צוגעקלעפּט צו קאַרטינען. צום ווינציקסטן איז אין דעם שולדיק געווען קאַרטין אַליין, וועלכער איז געווען אַ גרויסער אידעאַליסט און אַ מענטש אַן ערלעכער ביז גאָר.

---

א. קוואַטערקאָ (וואַרשע)

# ווען חלום איז געוואָרן וואָר...

## (צום 10טן יאָרטאָג פון באַפרייען וואַרשע)

ווען מיר שפּאַצירן היינט איבער דעם פּרעכטיקן קאָנסטיטוציע־פּלאַץ, מיט די העל־באַלויכטענע קאַנדעלאַבערס, ווען מיר ווענדן אונדזערע אויגן אויף די נייע אויפגעבויטע בלאַנקענדיקע פון ווייס־קייט וווינונגסהייזער, ווען מיר גייען פאַרביי די פולע מיט מענטשן רחבותדיקע גאַסן און פּלעצער, ווען מיר קוקן זיך צו צום אויסגעענ־דיקטן און אָפּגעגעבענעם צום באַנוץ פון דער וואַרשעווער באַפעל־קערונג אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ פאַר קולטור און וויסנשאַפט — די הער־לעכע מתנה פון די סאָוועטישע ברידער, — ווען מיר שטעלן זיך אָפּ ביי די שיינע געשעפטן און מאַגאַזינען און באַוואונדערן זייערע רייך־אויסגעשטאַטע שויפענצטער, ווען מיר זעען דאָס שפּרודלדיקע לעבן פון אונדזער הויפּטשטאָט וואַרשע, ווילט זיך פּשוט נישט גלייבן, אַז נישט לאַנג צוריק איז דאָ געווען איין ריזיקע חורבה, וואָס די דייטשע פאַשיסטישע אָקופּאַנטן האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזן. עס איז שווער צו באַגרייפן אַז אין משך פון אַזאַ קורצער צייט איז דאָס אַלץ פאַר־שוווּנדן, איז אויפגעטאָן געוואָרן אַזוי פיל ווונדער.

צען יאָר זענען פאַרביי זינט וואַרשע איז געוואָרן באַפרייט.

דעם 17טן יאַנואַר 1945 האָט די באַפרייערישע סאָוועטישע אַרמיי, צוזאַמען מיט די אָפּטיילונגען פון פּוילישן פאָלקס־מיליטער, אַריינמאַרשירט אין דער חרובער שטאָט. אַלץ איז דאָ געווען אָפּגע־שטאָרבן. צווישן די חורבות און רוינען האָבן זיך געוואַלגערט 60 טויזנט נישט באַגראָבענע מתים. נאָך שרעקלעכער, נאָך ווייטיקלעכער האָט אויסגעזען דער צפון־ראַיאָן פון שטאָט, דער קוואַרטאַל פון געוו׳ יידישן געטאָ — דאָ האָט מען ממש נישט געזען קיין איין גאַנ־צע אָדער האַלבע מויער, טויט און פאַרוויסטונג האָט אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקל. קיין סימן פון קיין גאַס, פון קיין הויז. אַלץ צע־שטערט, אַלץ פאַרניכטעט.

איבער דער גרויסער אָנדערטהאַלבנמיליאָניקער שטאָט האָבן זיך נאָך געטראָגן קנוילן פון נישט־פאַרלאָשענע שרפות.

טאָג און נאַכט במשך פון דריי חדשים האָבן די היטלעריס־טישע רוצחים געברענט און געסמאַליעט די הויפּטשטאָט; די פאַר־ניכטונג פון וואַרשע האָט באַטראָפן לויט געגויע סטאַטיסטישע אויסרעכענונגען 75 פּראָצענט פון דער גאַנצער קובאַטור. עס זענען פולשטענדיק צעשטערט געוואָרן 11.229 הייזער און טיילווייז 14.269 הייזער.

די וואַסער־ליטונג, די קאַנאַליזאַציע, די עלעקטראָווניע און גאַזאָווניע זענען געוואָרן דעוואַסטירט און אַלע בריקן איבער דער ווייסל און די באַנוואָקזאַלן אויפגעריסן אין דער לופטן.

מיט אַ באַזונדערער פאַרביסנקייט האָט דער פאַשיסטישער אָקופּאַנט צעשטערט די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און די דענקמעלער פון דער נאַציאָנאַלער קולטור. 90 פּראָצענט פון אַלע פאַבריקס־בנינים זענען געלעגן אין חורבות. אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 957 אַלטערטימלעכע געביידעס זענען פולשטענדיק געוואָרן צעשטערט 782 און די אַנדערע זענען שווער באַשעדיקט געוואָרן. עס זענען פאַרניכטעט געוואָרן אַלע מוזייען, ביבליאָטעקן, וויסנ־שאַפטלעכע און קונסט־זאַמלונגען.

אָבער דער גרעסטע פאַרלוסט פון וואַרשע זענען געווען די הונדערטער טויזנטער יידן און פּאָליאַקן, וועלכע זענען אויף אַ שוידערלעכן אופן אומגעקומען אין די קרעמאַטאָריעס און גאַזקאַ־מערן פון די היטלעריסטישע לאַגערן, צעשאָסן געוואָרן בעת מאַסן־עקזעקוציעס און געפאַלן אין די קאַמפן מיטן בלוטיקן שונא. אַזאַ איז געווען דער רעזולטאַט פון היטלערס מאָרד־ און רויב־אַרבעט אין פּוילנס הויפּטשטאָט וואַרשע.

עס האָט זיך געדאַכט אַז דאָס צוריקאויפבויען אונדזער הויפּטשטאָט וועט דויערן אַן אייביקייט, אַז אונדזער דור וועט שוין נישט האָבן דאָס גליק צו זיין אַן עדות פון דער נייער, אויפגעריכ־טער צום לעבן וואַרשע. סקעפּטיקערס האָבן אַפילו געהאַלטן, אַז וואַרשע וועט שוין מער נישט עקסיסטירן; געווען אַפילו אַזעלכע, וועלכע האָבן פאַרגעלייגט אַריבערצוטראָגן די הויפּטשטאָט ערגעץ אַנדערשווו...

ווי אַ פרישער און אויפמונטערנדיקער שטראָם האָט געווירקט דער באַשלוס פון דער יונגער פאָלקסמאַכט, אַז וואַרשע וועט פאַר־בלייבן די הויפּטשטאָט פון נייעם פּוילן, אַז זי וועט צוריק אויפגע־בויט ווערן און זיין שענער ווי געוועזן. דער פאָרזיצער פון לאַנדישן נאַציאָנאַל־ראַט באָלעסלאַוו ביערוט האָט אין צוויי טעג אַרום נאָך דער באַפרייונג, אויף דער גרויסער מיליטערישער דעפילאַדע אין דער הויפּשטאָט, דערקלערט: „וואַרשע! מיר זאָגן דיר היינט הייליק צו: אויף די קברים פון דיינע העלדן, אויף די רוינען פון דיינע פּרעכטיקע בנינים, גאַסן און פּלעצער, וועט דאָס פאָלק מיט זיינע כוחות, וואָס ווען אים נאָר סטייען, אויפשטעלן אַ דענקמאָל לכבוד דיין געשיכטלעכן רום, וואַרשע!״

אין די פראָסטיקע יאַנואַר־טעג פון 1945 האָבן זיך גענומען אומקערן אין זייער היים־געליבטער שטאָט די ניצול געוואָרענע פון טויט, די אויסבאַהאַלטענע אין אַרומיקע שטעטלעך אָדער די מיט צוואַנג אַרויסגעטריבענע דורך די היטלעריסטן וואַרשעווער אײַנוווינערס. נישט געקוקט דערויף, וואָס עס האָבן געפעלט די סאַמע עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע באַדינגונגען, וואָס עס איז נישט געווען קיין דאַך איבערן קאָפּ, וואָס עס האָט געפעלט וואַסער און הייצוואַרג, וואָס עס איז נישט געווען קיין עסן, האָבן די מענער און פרויען זיך געשטעלט צוריקאויפבויען זייערע היימען. שווער איז געווען די אַרבעט. אומגעהײַער שווער. אָבער דער שטאַרקער ווילן צו פאַרוואַנדלען די טויטע שטאָט אין אַ בליִענדיקן צענטער האָט צוגעגעבן כוח צו באַזיגן די שוועריקייטן.

## די ברידערלעכע הילף פון ראַטן־פאַרבאַנד

אין דער דאָזיקער שווערער צײַט האָט דער גרויסער ראַטן־פאַרבאַנד געהאָלפן אַרויסהייבן די הויפּטשטאָט פון די חורבות. די ערשטע ממשותדיקע הילף האָבן געבראַכט די העלדישע סאָוועטישע שלאַכטלײַט. אין די אומגעהײַערע שווערע באַדינגונגען האָבן זיי אָפּגערייניקט די בערג גרוז, שטיינער און ציגל פון די וואַרשעווער הויפּטגאַסן, באַזײַטיקט מיליאָנען מינעס, וועלכע די היטלעריסטן האָבן פאַרלייגט ערב זייער אַנטלויפן פון דער הויפּטשטאָט. די סאָוועטישע מענטשן האָבן אויפגעשטעלט די ערשטע בריקן איבער דער ווײַסל, פאַרלייגט טעלעפאָנישע ליניעס, די עלעקטרע־באַן — די מתנה פון ראַטן־פאַרבאַנד — האָט געגעבן די ערשטע עלעקטרישע שטראַלן און ענערגיע.

די סאָוועטישע פעלקער, וועלכע האָבן אַזוי פיל געליטן בעת דער לעצטער מלחמה, האָבן זיך געטיילט מיט די וואַרשעווער אײַנוווינערס מיט יעדן ביסן. פון אוקראַיִנע איז געקומען תבואה און פלייש, פון אַנדערע געגנטן האָט מען געשיקט די ערשטע היים פאַר די פּוילישע ברידער — 500 פינישע הײַזלעך, ווי אויך 30 טראָלעבוסן און אַ ראַדיאָ־סטאַציע.

די בעסטע סאָוועטישע ספּעציאַליסטן, אינזשיניערן, קאָנסטרוקטאָרן, טעכניקערס האָבן געלאָזן אין גאַנג די עלעקטראָווניע, די וואַסער־לייטונג, די קאַנאַליזאַציע. זיי האָבן געהאָלפן פאַרלייגן איבער דער ווײַסל אין פאַרלויף פון איין וואָך די ערשטע בריק. צוגלייך מיט די ווונדער אין קאַמף האָבן די סאָוועטישע מענטשן אויך באַוויזן ווונדער אין אויפבוי. דאָס געמיינזאַמע פאַרגאָסענע בלוט אויף די שלאַכטפעלדער, די איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען בײַם אויפריכטן די דעוואַסטירטע שטאָט, האָבן צעמענטירט אויף אייביק די פּויליש־סאָוועטישע פרײַנדשאַפט און ברידערלעכקייט.

עס איז זיך באמת שווער פאָרצושטעלן די צוריק אויפגעלעבטע פּוילישע הויפּטשטאָט אָן דער טאָג־טעגלעכער הילף פון דעם גרויסן פרײַנד פון אונדזער פאָלק — פונעם ראַטן־פאַראַבנד. די יונגע אַרבעטער־ און פּויערים־רעגירונג האָט איבערגענומען בירושה אַ פּרימיטיווע, פאַרעלטערטע טעכניק, מיט וועלכער עס וואָלט אוממעגלעך געווען צוריקאויפצובויען וואַרשע. דער ראַטן־פאַרבאַנד האָט אונדז באַזאָרגט מיט מאָדערנע בוימאַשינען, הייב־קראַנען, טראַנספּאָרטערן. אַ דאַנק דער ווײַטגרייכנדיקער הילף פון די סאָוועטישע מענטשן האָבן מיר געקענט אויפבויען אין אַזאַ שנעלן טעמפּ די רחבותדיקע טראַסע וו־זעט (מזרח־מערב־מאַגיסטראַלע), דעם מאַרשאַלקאָווסקער וווינונגס־קוואַרטאַל. עס איז מעגלעך געוואָרן צו ברענגען אין באַוועגונג אַ ריי אַלטע פאַבריקן און אויפבויען נײַע אינדוסטריעלע אָביעקטן, ווי די עלעקטראָ־טערמאָ־סטאַציע, די פאַבריק פון פּאַסאַזשיר־אויטאָס אין זשעראַן און אַנד׳. עס איז נישט פאַראַן אַזאַ געביט, וווּ עס זאָל זיך נישט פילן די ברידערלעכע הילף פון לאַנד פון זיגרײַכן אָקטאָבער.

דער שענסטער און בעסטער אויסדרוק פון דער אומפּאַראַינטערעסירטער הילף פון ראַטן־פאַרבאַנד איז די בויונג פון דעם מאָנומענטאַלן פּאַלאַץ פאַר קולטור און וויסנשאַפט אין וואַרשע — דער סימבאָל פון אייביקער פּויליש־סאָוועטישער פרײַנדשאַפט.

„די דאָזיקע ברידערלעכע, האַרציקע, מסירת־נפשדיקע הילף — האָט דערקלערט באָלעסלאַוו ביערוט — דאָס איז די ערשטע ברידערלעכע האַנט, וואָס האָט אונדז געהאָלפן צוריק אויפשטעלן דאָס לעבן פון אונדזער הויפּטשטאָט. זאָלן וועגן דעם געדענקען די אַלע, וואָס טרעטן אויף די גאַסן פון דער ווידעראויפגעלעבטער שטאָט.״

## דאָס גאַנצע פאָלק בויט די הויפּטשטאָט

צום אויפבויען און איבערבויען די הויפּטשטאָט האָט זיך געשטעלט דאָס גאַנצע פאָלק. וואַרשע ווערט געבויט אין יעדער פאַבריק פון לאַנד, בײַ יעדער מאַשין, וואַרשטאַט און אַקער־אײַזן. די שלעזישע אַרבעטערס האָבן אויסגעפּאַרטיקט שטאָלענע קאָנסטרוקציעס פאַר די בריקן איבער דער ווײַסל, די סאַנאָקער און כאָזשוווער אַרבעטערס האָבן באַזאָרגט די באַפעלקערונג מיט נײַע טראַמוויי־וואַגאָנען, די לובלינער וואַלדהעקערס האָבן געשיקט געהילץ פאַר די בויונגען... די וראָצלאַווער אײַנוווינערס — ציגל און צעמענט; פון די דערפער איז געקומען אַהער אין דער הויפּטשטאָט ברויט, פלייש, פּרוכטן, מילך, פּוטער. טויזנטער מענטשן פון גאַנצן לאַנד האָבן זיך געלאָזט קיין וואַרשע, כּדי זי צוריק אויפצובויען.

אין די שטעט און דערפער פון פּוילן זענען אַנטשטאַנען בירגער־קאָמיטעטן, וועמענס אויפגאַבע עס איז צו טראָגן מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף דער הויפּטשטאָט. מיר האָבן שוין הײַנט אַזעלכע קאָמיטעטן כמעט בײַ אַלע גרעסערע און קלענערע אונטערנעמונגען: בײַ די הוטעס און שיפוועפן, בײַ די קוילנגרובן און מלוכישע לאַנדווירטשאַפטן, בײַ די אַרבעטס־קאָאָפּעראַטיוון און פאַבריקן. זייער צאָל דערגייט אין די שטעט ביז 22 טויזנט און אין די דאָרפישע גראָמאַדעס ביז 35 טויזנט. פון די דערוואַקסענע שטייט אויך נישט אָפּ אונדזער יוגנט, וועלכע האָט בײַ די שולן געשאַפן 21 טויזנט שולקרײַזן. אומעטום גייט אָן אַ גרויסע אַרבעט צו זאַמלען געלטמיטלען אויפן „געזעלשאַפטלעכן פאָנד פאַר בויען וואַרשע.״ ביזן 18טן מײַ 1955 איז אויפן דאָזיקן פאָנד שוין צונויפגעזאַמלט געוואָרן די ריזיקע סומע פון 1 מיליאַרד זלאָטעס.

דער מאַטעריעלער צושטײַער פון דער באַפעלקערונג איז אַ וויכטיקע דערגאַנצונג צו די גרויסע אינוועסטיציעס פון דער פאָלקס־מאַכט, איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר וואָס פאַרשנעלערט דעם טעמפּאָ פון אויפבוי און איבערבוי פון וואַרשע.

פאַר דעם מיליאַרד זלאָטעס זענען אין דער הויפּטשטאָט צוגעקומען נײַע שולן און קינדער־גערטנער, נײַע שפּיטאָלן און ספּאָרט־פּלעצער; עס זענען אויפגעבויט געוואָרן דער אוניווערסיטעט און דאָס פּאָליטעכניקום, רעסטאַווירט געוואָרן די דענקמעלער פאַר מיצקעוויטש און קאָפּערניקן און פאַרלייגט געוואָרן נײַע בריקן איבער דער ווײַסל.

פון די פרײַוויליקע בײַשטײַערונגען, וואָס עס גיט כמעט יעדער צווייטער בירגער פון פאָלקס־פּוילן, איז אויפגעבויט געוואָרן דער

צענטראַלער פּאַרק פאַר קולטור און אָפּרו, דער קאָנסטיטוציע־פּלאַץ, דער דזשערזשינסקי־פּלאַץ צוזאַמען מיטן דענקמאָל, עס זענען אויפגעקומען נײַע, וויכטיקע קולטור־ און קונסט־אָביעקטן.

וואַרשע שטעלט מיט זיך הײַנט פאָר איין גרויסע גיגאַנטישע בויונג. אַלע שטאָטקוואַרטאַלן זענען אײַנגעהילט אין אַ וואַלד פון רושטאָוואַניעס; טאָג און נאַכט, בײַ זונשײַן און בײַ עלעקטרישער באַלויכטונג הערט זיך דאָס ריטמישע קלאַפּן פון האַמערס און קאָוואַדלעס, דאָס אומאויפהעריקע באַוועגן זיך אַרויף און אַראָפּ פון מעכטיקע הייבקראַנען, בליץ שנעל וואַקסט אויס פאַר אונדזערע אויגן נײַע געבײַדעס, נײַע טעאַטערס, קולטורהײַזער, שולן, קינדער־גערטנער. נישט קיין צענדליקער יאָרן זענען נייטיק געווען, ווי דאָס האָבן פאָרויסגעזאָגט די סקעפּטיקערס. וואַרשע האָט באַקומען איר זעקס־יאָריקן אויפבויפּלאַן, וועלכער ווערט דערפאָלגרײַך רעאַליזירט און איבערגעשטיגן.

די הויפּטשטאָט ווערט איצט איבערגעבויט אויף אַ נײַער סיסטעם, אין הסכם מיט די באַדערפענישן פון דער באַפעלקערונג. די סאָציאַליסטישע וואַרשע געפינט זיך איצט אויף אַ שטח, וואָס איז דרײַ מאָל גרעסער פון פאַרמלחמהדיקן שטח. וואַרשע וועט ווערן אַ גרויסער אינדוסטריעלער און קולטור־צענטער. שוין הײַנט זעען מיר די קאָנטורן פון דער נײַער, פולשטענדיק איבערגעבויטער הויפּטשטאָט; עס זענען אויפגעקומען עטלעכע צענדליק נײַע, אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען פון מעטאַל, עלעקטראָטעכניק און באַקלייד, וועלכע פּראָדוצירן הײַנט פיר מאָל מער ווי פאַר דער מלחמה. עס ווערט איצט געבויט אַ הוטע פון איידעלע מעטאַלן. די פאַבריקן זענען מער נישט צעוואָרפן איבער דער גאַנצער שטאָט, ווי פאַר דער מלחמה, נאָר קאָנצענטרירן זיך אין באַשטימטע דערצו קוואַרטאַלן, ווי וואָליע, זשעראַן, גראָכוו און אָקענטשע. עס ווערט פיל געזאָרגט פאַר שאַפן אַנטשפּרעכנדיקע באַדינגונגען פאַר די אַרבעטערס. לעבן די אינדוסטריעלע אָביעקטן ווערן געשאַפן נײַע סאָציאַלע אײַנריכטונגען, ווי קלובן, קינדער־גערטנער, קולטורהײַזער, לייענזאַלן, קינאָס און טעאַטערס. די בײַפאַבריק־שטחים ווערן פאַרפלאַנצט מיט גרינס און בלומען.

אַ באַזונדערער קאַפּיטל איז די בויונג פון וווינהײַזער. אין בוי געפינען זיך הײַנט 1200 אָביעקטן, וועלכע וועלן אין קורצן אָפּגעגעבן ווערן אין רשות פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג. ביז איצט זענען אַרויסגעענדיקט געוואָרן 90 טויזנט וווינונגען, וועלכע עס האָבן אין דער ערשטער רײַ באַקומען די אַרבעטערס און באַאַמטע פון דער הויפּטשטאָט. אָבער ווי אַנדערש זעען אויס די דאָזיקע הײַזער! אויפן אָרט פון די אַמאָליקע אַלטע קאַזאַרמעאַרטיקע הײַזער זענען אויפגעקומען וווינונגס־בנינים מיט די בעסטע באַקוועמלעכקייטן און היגיענישע באַדינגונגען.

צווישן די ערשטע וווינונגס־קוואַרטאַלן, וועלכע מען האָט אָנגעהויבן בויען, געפינט זיך דער אַמאָליקער און דערנאָך פולשטענדיק צעשטערטער גרעסטער וואַרשעווער ייִשוב — מוראַנאָוו, דאָס אָרט פון געוועזענעם געטאָ. שווער איז געווען די בויונג פון דאָזיקן ראַיאָן. בלויז דאָס אָפּרייניקן די חורבות און גרוז האָט געפאָדערט אַ 3יעריקע אַרבעט פון העכער צען טויזנט מענטשן, דרײַ יאָר אַרבעט פון זיבן באַנצוגן, ווי אויך אַ גרויסע צאָל מכשירים. אָבער דער שטאַרקער און אומבויגזאַמער ווילן פון אַרבעטנדיקן פאָלק האָט שנעל גובר געווען יעטווערע שוועריקייט.

איצט איז שוין כמעט פולשטענדיק אויפגעבויט דער טייל מוראַנאָוו פונדער לעשנע ביז דער דזשעלנע־גאַס. אין משך פון הײַנטיקן יאָר ווערט פאַראויס געזען דאָס ענדגילטיקע אויסענדיקן די אַנדערע אָביעקטן. ביז הײַנט זענען אָפּגעגעבן געוואָרן אין באַנוץ פון די אײַנוווינערס 1851 צימערן. אין קורצן וועט מוראַנאָוו זײַן אַ ייִשוב מיט 40 טויזנט אײַנוווינערס.

דער געוועזענער ייִדישער וווינונגס־קוואַרטאַל, וועלכן די היטלער־רוצחים האָבן געברענט און געסמאַליעט נישט איבערלאָזנדיק אַ שטיין אויף אַ שטיין, ווערט הײַנט דורך דער פאָלקסמאַכט פאַרוואַנדלט אין אַ בליִענדיקן צענטער... דאָרט וווּ עס האָט מיט 10 יאָר צוריק געהערשט טויט און פאַרוויסטונג גייט צוריק אויף אַ נײַ לעבן, הערט זיך דאָס פריידיקע געזאַנג פון ייִדישע און פּוילישע קינדער פון דערנעבנדיקע שולפּלעצער און פאָרשולן. די אײַנוווינערס זענען פאַרנומען מיט זייער פרידלעכער אַרבעט, זיי בויען און שאַפן. קאָנסעקווענט און אַנטשלאָסן ווערט רעאַליזירט די צוואה פון די העלדישע געטאָ־אויפשטענדלערס וועגן פאַרוואַנדלען אין לעבן די חורבות פון געוו' געטאָ — דעם סימבאָל פון גבורה און ווידערשטאַנד קעגן היטלעריסטישן פאַשיזם — דעם סימבאָל פון פרײַהייט, פּראָגרעס און סאָציאַליזם.

אין צענטער פונעם מוראַנאָווער ראַיאָן שטייט דער גראַניטענער דענקמאָל פון די אומגעקומענע קדושים פון וואַרשעווער געטאָ — ווי אַ דערמאָנונג פון אַ פאַרשניטן ייִדיש לעבן און גלײַכצײַטיק ווי אַ וואָרענונג קעגן די, וואָס ווילן אויף סנײַ אַרײַנשלײַדערן די וועלט אין אַ נײַ אומגליק.

צוזאַמען מיט מוראַנאָוו זענען אויפגעבויט געוואָרן כמעט אַלע אונדזערע ווינקקוואַרטאַלן: מאָקאָטאָוו, אַלטשטאָט, מלינאָוו, וואָליע, אָכאָטע, קאָלאָ און אַנד'. פולשטענדיק איז רעסטאַוורירט געוואָרן דער היסטאָרישער אַלטשטאָטישער טראַקט, די קראָקאָווער פאָרשטאָט, מאַריענשטאַט; עס איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן די פאַרברענטע וואַרשעווער פילהאַרמאָניע, עס געפינט זיך אין בוי די אָפּערע אויפן טעאַטער־פּלאַץ, דער הויפּטוואָקזאַל, עס ווערן רעסטאַווריט די דענקמעלער, אַלטערטימלעכקייטן, די היסטאָרישע פּאַלאַצן. די סאַמע ערשטע גאַס, וואָס וואַרשע האָט באַקומען, איז געווען די אויף ס'נײַ איבערגעבויטע נײַע־וועלט־גאַס — וואָס סימבאָליזירט די שטרעבונג פון אַרבעטנדיקן פאָלק צו אַ נײַ לעבן.

צוזאַמען מיט דער בויונג וואַקסט אויך די באַפעלקערונג פון אונדזער הויפּטשטאָט, וועלכע ציילט שוין הײַנט צו טאָג העכער 1 מיליאָן אײַנוווינערס און וו'זט אַרויס אַ טענדענץ פון כסדרדיקן וווּקס.

אָבער ווי ראַדיקאַל האָט זיך געביטן די סאָציאַלע סטרוקטור פון דער באַפעלקערונג! די צאָל אַרבעטערס און, באַשעפטיקטע אין דער אינדוסטריע און בוי, באַטרעפט הײַנט 210 טויזנט, און די אַלגעמיינע צאָל באַשעפטיקטע אין דער געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט און אין דער אַדמיניסטראַציע מאַכט אויס 50 פּראָצענט פון אַלע אײַנוווינערס.

אויף דער גאַנצער וועלט איז שוין באַוווּסט דער „וואַרשעווער בויונגס־טעמפּאָ". די העלדישע בוי־אַרבעטערס באַווײַזן פשוט וווּנדער אינעם גרויסן ווערק פון איבערבויען די הויפּטשטאָט. מיט יעדן טאָג שטײַגן זיי איבער די פעסטגעשטעלטע אַרבעטס־נאָרמעס, אַלטע פאָרמען ווערן פאַרביטן דורך נײַע. אין פּראָצעס פון שאַפן קומען אויף נײַע באַגריפן וועגן אַרבעט. עס איז שוין הײַנט שווער פעסטצושטעלן די גרענעץ פון דער צאָל ציגל וואָס ווערט געלייגט אין משך פון אַן אַרבעטסטאָג. שנעל און גוט אַרבעטן — איז הײַנט דער דעוויז פון יעדן בוי־אַרבעטער, שטוקאַטאָר, בויטישלער, אַר־

מאטאר און אינסטאלאטאר. צום טערמין ארויסענדיקן די בויאביעקטן — איז דער אינהאלט פון ארבעט־געוועט...

מיטן „ווארשעווער בויונגס־טעמפא" זענען אויך אנגעשטעקט געווארן די ארבעטערס פון אלע אנדערע פאלקס־דעמאקראטישע לענדער ביים בויען זייערע שטעט, זייער אינדוסטריע און קולטורצענטערס.

מיט גרויס שטאלץ נעמט אויף דאס ארבעטנדיקע פאלק פון אונדזער לאנד יעדע נייע בויונג, וואס קומט צו אין אונדזער הויפטשטאט; עס קומען אהער טויזנטער אויספלוגן פון ארבעטערס און פויערים פון די גרעסטע שטעט ביז די פארווארפנסטע ווינקעלעך, צו באוואונדערן די גרויסע אויפבוי־עפאפייע, וואס ווערט געשאפן אין ווארשע. מיט רירנדיקער פרייד קוקן זיי זיך צו צו יעדן אויפטו, צו יעדן נייַ הויז, צו יעדער נייער גאס, צום אויפוואכנדיקן נייַעם לעבן.

עס איז באמת דא וואס צו באוואונדערן. די וויזיע, וועלכע עס האט אונדז געמאלט מיט 10 יאר צוריק באלעסלאוו ביערוט, ווערט א פאקט. די הויפטשטאט האט שוין כמעט פארהיילט די מלחמהוואונדן. 90 פראצענט פון די אינדוסטריעלע אביעקטן זענען געלאזט געווארן אין גאנג. די שטאטישע און הינטערשטאטישע קאמוניקאציע ווערט כסדר באַרייַכערט; די וואסער־לייטונג, די גאז־ און עלעקטרע־ליניעס — פונאנדערגעבויט. עס איז צוריק אויפגעבויט געווארן די געזונטהייטס־דינסט, די שוץ איבער מוטער און קינד.

א קאלאסאלע דערגרייכונג האבן מיר אויפן געביט פון בילדונג און קולטור. אין 16 הויכשולן באקומען בילדונג 31 טויזנט סטודענטן, ד"ה אויף א העלפט מער ווי פאר דער מלחמה. מיר האבן אין דער הויפטשטאט 59 וויסנשאפטלעך פארשערישע אינסטיטוטן, 22 אקאדעמישע הייַזער, 367 גרונט־ליצעאלע און פאכשולן, 6,5 מיליאן ביכער אין די ביבליאטעקן, עטלעכע דרייַסיק טעאטערס און קינאס, 400 קלובן.

ווען מיר וועלן נאך צוגעבן אז א פינפטל פון דער ווארשעווער באפעלקערונג האט באקומען נייַע און מאדערנע וווינונגען, וועלן מיר באקומען א פול בילד פון די גרויסע ענדערונגען און איבערגעשטאלטיקונגען, וועלכע זענען פארגעקומען אין אונדזער הויפטשטאט פאר די לעצטע 10 יאר.

עס באוואונדערן די בויונג פון ווארשע אלע אונדזערע אויסלענדישע פרייַנד. די צענדליקער און הונדערטער דעלעגאציעס, וואס קומען דא אהער פון אלע וועלטטיילן, פאראינטערעסירן זיך קודם כל מיט דער ראשיקער אנטוויקלונג פון אונדזער הויפטשטאט, דריקן אויס זייער גרעסטע אנערקענונג פאר אלץ וואס קומט ביי אונדז פאר און באזונדערס פאר דער אומדערמידלעכער, שעפערישער מי פון העלדישן פאלק.

## אויסלענדישע פריינד באוואונדערן די נייע ווארשע

„די שטאט מיט וועלכער עס האט שטאלצירט דאס פוילישע פאלק, אזוי האט דערקלערט דער בארימטער סאוועטישער שרייַבער ניקאלייַ טיכאנאוו — די שטאט וואס האט געהאט אזעלכע פרעכטיקע געבייַדעס, דענקמעלער, טעאטערס, געבעטערטער און שולן, איז געווארן אזוי צעשטערט דורך די פאשיסטן, אז אפט מאל איז שווער געווען זיך צו אריענטירן אין די רויִנען, עס איז שווער געווען פעסטצושטעלן וואס פאר א גאס דאס איז, וואס פאר אן ארט.

„עס זענען פארבייַ יארן און איבער די מאיעסטעטישע וואסערן פון דער אלטער ווייַסל הייבט זיך אויף די פרעכטיקע שטאט מיט די פילשטאקיקע הייַזער, ברייטע גאסן, נייַע בריקן, און איבער זיי בלאנקט די מאשט פונעם פאלאץ פון פעלקערפרייַנדשאפט וואס זעט זיך העט־ווייט איבער די גרענעצן פון ווארשע.

„אין טאג פון 17טן יאנואר פילן די סאוועטישע מענטשן פונקט אזוי די זעלבע פריידיקע גערירטקייט, לעבן איבער פונקט אזוי ווי דער דערהויבענע און טראגישע טעג פול מיט רומקאמפן פאר ווארשע, ווי די ווארשעווער אייַנוווינערס גופא.

„מיר פראנצויזן — האט געזאגט דער וויצעפרעזיצער פון פאריזער שטאטראט אגיסט מארבאף — וועלכע האבן מיט א פארקלעמט הארץ אבסערווירט די לאנגדויערנדיקע שרעקלעכע לייַדן פון אייַער שטאט און די שוידערלעכע טעג פון דער דייַטשער אקופאציע; מיר, וואס האבן געוויינט דערוויסנדיק זיך וועגן דער כמעט פולשטענדיקער פארניכטונג פון אייַער הויפטשטאט, זעען איצט נאך 10 יאר די שטאט וואס האט באוויזן אויף א וווּנדערלעכן אופן צו דערוואכן פון שטויב.

„מיר דריקן אויס אונדזער אנטציקונג לגבי דער גאנצער באפעלקערונג פון ווארשע, ווייַל מיר ווייסן, אז קודם כל זענען איר פאטריאטיזם און די הייסע ליבשאפט פאר דער טייַערער הויפטשטאט געווען דער צעמענט, וואס האט געהאלפן אזוי שנעל אויפצובויען אייַער שטאט פון די שרעקלעכע רויִנען.

„עס האט זיך פשוט נישט געוואלט גלייבן אז ווארשע וועט מער נישט עקסיסטירן! און אט זעען מיר זי אן אויפגעבויטע, וואס ציט צו זיך די געפילן פון פרייַנדשאפט און באוואונדערונג פון דער גאנצער וועלט."

„ווען איך בין געקומען קיין ווארשע — האט דערקלערט דער בארימטער מעקסיקאנער קינסטלער איגנאסיא מארקעס ראדילעס — איז אנטשטאנען ביי מיר די ווייַטערדיקע פראגע: צי מייַנע אייַנדרוקן וועלן זייַן אין הסכם דערמיט, וואס מען רעדט ביי אונדז וועגן ווארשע? דער פשוטער ענטפער אויף דער דאזיקער פראגע איז: דאס וואס דא איז געווארן אויפגעטאן, איז באמת פונדאמענטאל, מער ווי מיר האבן זיך געקאנט פארשטעלן אין אונדזער לאנד. די שוידערלעכע וווּנדן פון דער מלחמה פארשווינדן, די שטאט אנטוויקלט זיך א שיינע, א יונגע ,פול מיט ענטוזיאזם און גלויבן אין דער צוקונפט.

„דאס העלדישע ווארשעווער פאלק האט באשלאסן אויפצובויען זייַן אוראלטע הויפטשטאט און האט דאס דערגרייכט, ארויסווייַזנדיק אן אומגעהייַערע פיעטעט לגבי די דענקמעלער פון דער פארגאנגענהייט, אייַנהאלטנדיק דעם סטיל פון דער אלטער ווארשע, איר טראדיציאנעלע אורבאניסטיק, ווי אויך דעם אזוי כאראקטעריסטישן אויסזען פון דער שטאט מיט איר טויזנטיאריקער טראדיציע.

„מיר דריקן אויס באוואונדערונג פארן אומגעזעענעם אנשטרענג, פארן שעפערישן געדאנק פון די בויערס פון דער הויפטשטאט וואס קיניגט איבער דער ווייַסל; מיר קוקן מיט א פיל גרעסערער גערירטקייט, ווי עס וואקסט דא דער נייַער מענטש, דער בעל־הבית איבער זייַן אייגענעם גורל, א פרייַער און גליקלעכער. דאס הומאניסטישע שעפערישע ווערק אין דער באפרייַטער ווארשע איז איינס פון די גרעסטע, וואס מיר האבן געזען אין אונדזער לעבן."

# די ייִדישע באַפעלקערונג אין וואַרשע

צו גלײַך מיטן אויפבוי פון אַלגעמיינעם לעבן אין דער הויפּטשטאָט איז אויך אויפגעבויט געוואָרן דער ייִדישער ייִשוב. אַלץ מער ייִדישע מענטשן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אויף דער א״ג אַרישער זײַט, פּאַרטיזאַנערס וואָס זענען געקומען פון די וועלדער און זיך אומגעקערט פון ראַטן־פאַרבאַנד, האָבן גענומען זיך אײַנאָרדענען אין דער הויפּטשטאָט. מערסטנס זענען דאָס געווען וואַרשעווער תושבים. פון אָנהייב איז דער צענטער פון ייִדישן לעבן געווען דער פּראַגער וווינונגס־קוואַרטאַל ווײַל דאָ איז לײַכטער געווען צו באַקומען אַ דירה. אַ היפּשע צאָל ייִדישע אײַנוווינערס האָט זיך קאָנצענטרירט אויף די אַמאָליקע ייִדישע גאַסן: טאַרגאָווע, זאָמבקאָווסקע, בזשעסקע און סטאַלאָווע. אויף טאַרגאָווע־גאַס נומ׳ 44 האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן לאָקאַל די וואַרשעווער אָפּטיילונג פון „צענטראַל־קאָמיטעט פון די ייִדן אין פּוילן״, וועלכע האָט געפירט אַ ברייט פאַרצווײַגטע טעטיקייט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין וואַרשע. דאָ אויף פּראַגע זענען טאַקע אַנטשטאַנען די ערשטע אַרבעטס־קאָאָפּעראַטיוועס פאַר שנײַדערײַ, טעקסטיל, האַלץ און אַנד׳ אויסאַרבעטונגען, ווו עס זענען באַשעפטיקט געוואָרן אַ היבשע צאָל ייִדישע מענטשן.

מיטן מאָמענט פונעם מאָביליזירן זיך פון ייִדישן ייִשוב אין נײַעם פּוילן האָט מען אַ חוץ דעם פאַרזיכערן זיך די מאַטעריעלע באַדינגונגען, גענומען טראַכטן אויך וועגן קולטורעל אויסלעבן זיך. אויף יאַגעלאָנסקע 28 איז אויפגעבויט געוואָרן אַ פּרעכטיק ייִדיש קולטורהויז מיט אַ פײַנעם טעאַטער־זאַל; דאָ זענען פאָרגעקומען אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די ייִדישע מענטשן, ליטעראַרישע פּרימאָרגנס, פײַערלעכע אַקאַדעמיעס, געלעגנהייטס־אָוונטן. אין דעם דאָזיקן זאַל איז אויך פיל מאָל אויפגעטראָטן דאָס מלוכישע ייִדישע טעאַטער.

דערנעבן אין דער גרויסער 4 שטאָקיקער געבײַדע, איז אַנטשטאַנען אַ יוגנטהיים פאַר ייִדישע יתומים, אַ קינדערהיים, אַ ייִדישע שול.

מיט דער צײַט איז דער צענטער פון ייִדישן ייִשוב אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין מיטלשטאָטישן ראַיאָן פון וואַרשע. עס האָט אויך שטאַרק גענומען וואַקסן די צאָל ייִדן, וואָס זענען פון אַלע עקן לאַנד געקומען קיין וואַרשע אַרבעטן. אַ גרויסער טייל ייִדישע מענטשן האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אין דער אינדוסטריע, אין האַנדל, אין די אינסטיטוציעס און אַמטן, דערין אַ באַדײַטנדיקע צאָל אין דער ערשטער אין פּוילן פאַבריק פון פּאַסאַזשיר־אויטאָס, אין דער כעמישער אינדוסטריע, אין דער ראַדיאָ־פאַבריק, אין די פּאָליגראַפישע אונטערנעמונגען. די ווײַט גרעסטע מערהייט ייִדישע מענטשן איז פּראָדוקטיוויזירט.

דער גרעסטער טייל ייִדן האָבן באַקומען נײַע דירות אין די אויפגעבויטע קוואַרטאַלן. איר וועט הײַנט טרעפן ייִדישע מענטשן אין אַלע ראַיאָנען פון דער שטאָט: אין מוראַנאָוו, — דער געוועזענער ייִדישער ראַיאָן, — אין מאָקאָטאָוו, אין מיטלשטאָט, אין מירוו, מלינאָוו, וואָליע, אָכאָטע. די ייִדן האָבן רעכט צו וווינען ווו עס געפעלט זיי און ווו ס׳איז זיי באַקוועם, נאָענט פון דער אַרבעט.

אין סאַמע צענטער פון דער שטאָט, אויף דער קרייצונג פון די גאַסן יערוזאַלימער אַלייען און בראַצקע געפינט זיך דער שטאַב פון דעם ייִדישן ייִשוב אין פּוילן — די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד. אין 5שטאָקיקן הויז פאַרנעמען לאָקאַלן דער פאַרלאַג „ייִדיש בוך״, די רעדאַקציע „פאָלקס־שטימע״, און „ייִדישע שריפטן״, די ייִדישע שרײַבער־גרופּע בײַם פּוילישן ליטעראַטן־פאַראיין. פון דאַנען ציִען זיך די פעדעם צו אַלע ייִדישע ייִשובים אין גאַנצן לאַנד; דאָ ווערן אויסגעאַרבעט די פּלענער פון דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג, פון דאַנען גייט זיך פונאַנדער דאָס פּראָגרעסיווע ייִדישע וואָרט איבערן גאַנצן פּוילישן היימלאַנד און איבער דער גאָרער וועלט.

אין דעם שיינעם זאַל פון ייִדישן פאָלקסקלוב אין וואַרשע קומען זיך צונויף יעדע וואָך ייִדישע מענטשן אויסהערן אַ רעפעראַט, אָנטייל נעמען אין אַ שמועס אויף אַקטועלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טעמעס, שפּילן שאַך, פאַרברענגען אויף אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן אָוונט.

אינעם לייענזאַל פון קלוב געפינט זיך די גאַנצע פּרעסע פון לאַנד און אויסלאַנד, דערין די ניו־יאָרקער „מאָרגנפרײַהייט״, דער אורוגווײַער „פרײַנד״, דאָס קאַנאַדער „וואָכנבלאַט״, די פּאַריזער „נײַע פּרעסע״, די תל־אביבער „פרײַ ישראל״ און „קול העם״, ווי אויך די ליטעראַרישע צײַטשריפטן „ייִדישע קולטור״ און „איקוף״ פון ניו־יאָרק און פון בוענאָס־אײַרעס, און אַנדערע. דאָ געפינט זיך אויך אַ רײַכע ייִדישע ביבליאָטעק, פון וועלכער עס געניסן די ייִדישע מענטשן.

אויף דער געוועזענער טלאָמאַצקע־גאַס, הײַנט די גאַס א״נ פון גענעראַל שוויערטשעווסקי, געפינט זיך די געבײַדע פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט. דאָ ווערט געפירט אַ ברייט־פאַרצווײַגטע פאָרשערישע אַרבעט סײַ וועגן דער מאַרטיראָלאָגיע און ווידערשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין דער צײַט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, סײַ וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן.

דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט איז הײַנט ברייט באַקאַנט נישט בלויז צווישן דער ייִדישער, נאָר אויך צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג מיטן אַרויסגעבן וויכטיקע פּובליקאַציעס די „בלעטער פאַר געשיכטע״, אַ ביולעטין אין דער פּוילישער שפּראַך און אַנדערע, מיטן אָרגאַניזירן די אויסשטעלונג וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. נישט געקוקט דערויף וואָס די דאָזיקע אויסשטעלונג איז אָפן העכער אַ יאָר צײַט, הערן נישט אויף זי צו באַזוכן עקסקורסיעס און יחידים. די אויסשטעלונג האָבן שוין באַזוכט איבער הונדערט טויזנט מענטשן, דערין פיל אַרבעטערס, פּויערים, מיליטער־לײַט, שילערס פון די שולן, אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ און פיל אויסלענדישע דעלעגאַציעס, וועלכע האָבן געגעבן אַ הויכע אָפּשאַצונג פון דער אויסשטעלונג, באַצייכענענדיק זי אַלס וויכטיקן פאַקטאָר אין קאַמף פאַר שלום.

אַ דעלעגאַציע פון ראַטן־פאַרבאַנד, וועלכע איז געקומען קיין וואַרשע אין שײַכות מיט די פײַערונגען פונעם „חודש פון פּויליש־סאָוועטישער פרײַנדשאַפט״, האָט נאָכן באַזוכן די אויסשטעלונג פאַרשריבן אינעם אָנדענקבוך:

„מיר וועלן קיין מאָל נישט דערלאָזן, אַז עס זאָל זיך איבערחזרן די פאַשיסטישע בעסטיאַלישקייטן״. אַ גרופּע סאָוועטישע מענטשן, בויערס פונעם מאָנומענטאַלן פּאַלאַץ פאַר קולטור און וויסנשאַפט אין וואַרשע, האָט פאַרשריבן: „רום און כבוד די העלדישע קעמפערס פון וואַרשעווער געטאָ״.

די אויסשטעלונג האָבן באַזוכט גרעסערע גרופּעס פון די סקאַנ־

דינאַווישע לענדער, פון קאָרעע, טשעכאָסלאָוואַקיע, ישראל, בולגאַריע, פראַנקרײַך און אַנדערע.

אַ גרופּע אַרבעטער־טוערס פון שוועדן, דאַנעמאַרק און פינלאַנד האָט אונטערן אײַנדרוק פון דער אויסשטעלונג פאַרשריבן אין נעם אָנדענקבוך: „מיר זענען אויפגעשוידערט דערפון וואָס מיר האָבן געזען אויף דער אויסשטעלונג; מיר דריקן אויס אונדזער סאָלידאַריטעט מיט דער ייִדישער באַפעלקערונג".

אַ דעלעגאַציע פון בולגאַריע, וועלכע איז געקומען אויף אַן אויספלוג קיין פּוילן, האָט נאָכן באַזוכן די אויסשטעלונג אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, אַרײַנגעשריבן די דאָזיקע ווערטער:

„מיר בייגן די קעפּ פאַר די אומגעקומענע העלדישע קעמפערס פון וואַרשעווער געטאָ און שיקן איבער אַ גרוס דער לעבנסגעבליבענער ייִדישער באַפעלקערונג אין פאָלקס־פּוילן".

אַ צאָלרײַכע גרופּע אינטעלעקטואַלן, דאָקטוירים און אַרבעטער־טוערס פון פראַנקרײַך האָט דערקלערט: „די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ זענען פאַר אונדז אַ סטימול צום פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַר שלום און פרײַנדשאַפט אויף דער גאַנצער וועלט".

אַ הייליק אָרט פאַר יעדן אײַנוווינער פון דער הויפּטשטאָט איז דער דענקמאָל פון די אויפשטענדלערס אין וואַרשעווער געטאָ, וועלכער געפינט זיך צווישן דער אַניעלעוויטש־ און זאַמענהאָף־גאַס. יעדעס יאָר, דעם 19טן אַפּריל, קומען אויף דעם אָרט פאַר גרויסע פײַערלעכקייטן. די ייִדישע און פּוילישע באַפעלקערונג לייגט קרענץ צופוסנס פון דענקמאָל, די מיליטערישע ערנוואַך גיט אָפּ כבוד די געפאַלענע אויפשטענדלערס. צו די דאָזיקע פײַערלעכקייטן קומען אויך דעלעגאַציעס פון גאַנצן לאַנד. אין יאָרטאָג פון אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ גיט דער פּוילישער ראַדיאָ ספּעציעלע אוידיציעס געהייליקט דער דאָזיקער היסטאָרישער דאַטע און די גאַנצע פּרעסע פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען און גרעסערע באַשרײַבונגען פון יענע אומפאַרגעסלעכע טעג. אין די שולן, פאַבריקן און מיליטערישע אָפּטיילונגען קומען פאָר שמועסן וועגן די רומפולע קעמפערס „פאַר אײַער און אונדזער פרײַהייט".

דעם דענקמאָל פון די אויפשטענדלערס אין וואַרשעווער געטאָ באַזוכן צאָלרײַכע דעלעגאַציעס פון לאַנד און אויסלאַנד. איינע פון די דעלעגאַציעס פון דער דײַטשער דעמאָקראַטישער רעפּובליק האָט בײַם באַזוכן דעם דענקמאָל געגעבן אַ שבועה צו קעמפן מיט אַלע כוחות קעגן פאַשיזם און אימפּעריאַליסטישער מלחמה.

צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק העלפט די ייִדישע באַפעלקערונג אויפבויען און איבערבויען די הויפּטשטאָט. יעדעס יאָר, אין טראַדיציאָנעלן סעפּטעמבער־חודש, נעמען די ייִדישע מענטשן אַן אַקטיוון אָנטייל, צוזאַמען מיט זייערע פּוילישע חברים פון פאַבריק און וואַרשטאַט, אינסטיטוציע און לערן־אַנשטאַלט, בײַם אָפּרוימען די נאָך פאַרבליבענע חורבות און גרייטן צו אַ פּלאַץ פאַר נײַע בויונגען. מיט דער הילף פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג איז אויפגעבויט געוואָרן אַ טייל פונעם פּרעכטיקן פּאָווישלער פּאַרק פאַר קולטור און אָפּרו. מיטן אָנשטרענג פון די ייִדישע יוגנטלעכע בריגאַדעס איז אָפּגערייניקט געוואָרן פון חורבות די גענשע־גאַס און עס איז געמאַכט געוואָרן אַ וועג פאַר פוסגייערס און טראַנספּאָרט צום געטאָ־דענקמאָל.

איצט העלפן די פּוילישע און ייִדישע באַפעלקערונג באַשײַנען די שטאָט מיט בלומען און גרינס, פאַרפלאַנצן מיטביימלעך און קוסטעס.

אין וואַרשע געפינט זיך אויך דער וועד־הקהילות פון פּוילן, דער הויפּט־ראַבינאַט און די גרויסע נאָזשיק־שיל, די איינציקע וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון חורבן.

ווי אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר אונדזער גרויס שלום־ווערק, וואָס מיר בויען, איז וואַרשע אויסגעצייכנט געוואָרן דורכן אַלוועלטלעכן שלום־ראַט מיטן אינטערנאַציאָנאַלן שלום־פּריז. די דאָזיקע הויכע אויסצייכענונג פון דער העכסטער קערפּערשאַפט פון דער שלום־באַוועגונג גיט צו אַ נײַעם מוט און שעפערישע כוחות די העלדישע בויערס פון וואַרשע.

זײַענדיק פאַרטאָן אין דער גיגאַנטישער פרידלעכער בויונג, שטייען די אַרבעטנדיקע מאַסן אויף דער וואָך, כדי נישט צו דערלאָזן די פינצטערע כוחות פאַרווירקלעכן זייערע וויסטע פּלענער וועגן צוריקאויפשטעלן די נעאָנאַצישע ווערמאַכט — די שולדיקע אין פאַרניכטן אונדזער הויפּטשטאָט און אומברענגען אירע אײַנוווינערס, דערין דעם 300טויזנט קעפּיקן וואַרשעווער ייִדישן ייִשוב. דורך אָנגעשטרענגטער אַרבעט בײַם בויען סײַ די הויפּטשטאָט און סײַ דאָס גאַנצע פּוילישע היימלאַנד גיבן די אַרבעטנדיקע מאַסן אַ גרויסן צושטײַער צו פאַרפעסטיקן די שוצקראַפט פון פאָלקס־פּוילן און צו פאַרשטאַרקן דעם שלום אויף דער וועלט.



ג. קעניג (פּאַריז)

# אין וואַרשע, פעברואַר 1945

פעברואַר 1945 אין וואַרשע. די פּוילישע הויפּטשטאָט, וואָס איז ערשט קוים אַ חודש באַפרײַט געוואָרן דורך די זיגרײַכע אַרמייען פון מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי, שטעלט מיט זיך פאָר איין גרויזאַמען הויפן פון חורבות. אונטער די חורבות — וויפל צענדליקער טויזנטער קערפּער פון די, וואָס די נאַצישע באָמבעס, שראַפּנעלן און גראַנאַטן האָבן אומגעבראַכט?

בלויז איין צײַטווײַליקע, אין געאײַל אויפגעשטעלטע בריק, פאַראייניקט די שטאָט פּראַגע מיט דער שטאָט וואַרשע. די דאָזיקע בריק איז נאָר אַ פּאָר שעה אין טאָג אָפן פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג. אַ גאַנצן מעת־לעת ציִען דורך איר די מיליטערישע אָפּטיילן פון דער סאָוועטישער אַרמיי און פון דער יונגער פּוילישער פאָלקסאַרמיי. זיי אײַלן אין דער ריכטונג פון מיזרח־פּרייסן, אין דער ריכטונג פונעם האַרץ פון דער צום טויט פאַרוווּנדעטער היטלעריסטישער בעסטיע, כדי צו פאַרענדיקן דאָס באַפרײַען אייראָפּע און די וועלט פון דער פאַשיסטישער שקלאַפערײַ.

אָבער אַ גאַנצן טאָג ציט זיך פון פּראַגע קיין וואַרשע אַן אומאויפהערלעכער צוג פון ציווילע. דאָס זענען צום מערסטן פרויען און קינדער. דאָס אײַז אויף דער ווײַסל נעמט שוין צעגיין אונטער די ערשטע שטראַלן פון דער בלאַסער זון. בלויז אַ שמאָלער זיגזאַגישער פאַס פאַרהאַרטעוועטער אײַז איז פאַרבליבן, ווי צו דערמעגלעכן פאַר אָט די טויזנטער און טויזנטער מענטשן דאָס עולה־רגל זיין אין זייער געבוירן־שטאָט.

אַ שוידערלעך בילד שטעלט מיט זיך פאָר דאָס וואָס איז אַ מאָל געווען איינע פון די גרעסטע שטעט אין אייראָפּע. בלויז דאָ און דאָרט איז געבליבן שטיין אַ גאַנצע געבײַדע, וואָס שטרײַכט נאָך מער אונטער מיט איר קאָנטראַסט, מיט איר פאַריתומטקייט, די רויִנען פון אַרום. איר בלאָנדזשעט איבער דעם, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ גאַס, אַן אַלייע, איר שטרענגט אָן דעם זכרון: וווּ געפינט איר זיך איצט? וואָס פאַר אַ געגנט איז דאָס אַ מאָל געווען אין דעם שיינעם וואַרשע, וואָס איז געווען באַוווינט פון אַ מיליאָן מענטשן?

און אָט קומט איר צו צום סאַמען עלנטסטן, צום סאַמע פאַרניכטעטסטן טייל פון דער שטאָט: דאָס איז אַ מאָל געווען דער יִידישער קוואַרטאַל: די נאַלעווקעס, דער מוראַנאָוו, דזשיקע און ניזקע... דער הימל איז איצט טריב און פאַרוואָלקנט און עס דאַכט זיך אײַך, ווי פון אָט די בערג חורבות נעמען אַרויסגיין יִידישע מאַמעס, טאַטעס, קליינע קינדער... עס שטייען אויף טויזנטער, מיליאָנען קדושים... עס וואַקסן אויס די סילועטן פון די גבורים, די העלדן פונעם געטאָ־אויפשטאַנד...

פון דער אימהדיקער שטילקייט פון די געטאָ־רויִנען גייען אויף צו אײַך ווײַטע שטימען: געוויין? געזאַנג? לעצטער שטאָלצער באַפעל פון אַן אויפשטענדלער, פאַרן וואַרפן זיך קעגן אַ נאַצישן טאַנק?...

---

צווישן די בערג ציגל און זאַמד באַוועגן זיך דאָ און דאָרט מענטשן. זיי האָבן אויפגעזוכט דאָס אָרט וואָס איז אַ מאָל געווען זייער היים. זיי נישטערן צווישן די חורבות, וועלנדיק געפינען עפּעס וואָס איז געווען אײגנס. זיי טרעפן זיך אָן אויף אַ קינדעריש מאַנטעלע, אויף אַ שיכל, אויף אַ מענטשלעכן שאַרבן...

אַ ביסל ווײַטער, בײַם הויפּטוואָקזאַל, שטייען גרופּעס מענטשן. מען רעדט שטיל, געדעמפּט ווי אויף אַ בית־עולם. מען איז קוים אַרויס פון קאָשמאַר. מען גלייבט זיך נישט צו, אַז מען איז צווישן די לעבעדיקע, אַז אַרום לויערט נישט מער די געשטאַפּאָ, די ס״ס, אַז מען איז פרײַ, ענדלעך פרײַ, באַפרײַט אַ דאַנק דער זיגרײַכער סאָוועטישער אַרמיי.

---

צוריק אין פּראַגע, איבער דער אימפּראָוויזירטער „אײַזבריק״. איבער די שאָסייען ציִען זיך אומאויפהערלעך שווערע טאַנקען, די טאַנקען פון דער יונגער פּוילישער פאָלקסאַרמיי, טאַנקען, אויסגעאַרבעטע אין די סאָוועטישע פאַבריקן.

עס זענען שוין דאָ איצט פאַרבײַגעפאָרן מער פאַנצער־וועגענער, ווי די גאַנצע אַרמיי פון רידז־שמיגלי האָט פאַרמאָגט אין 1939... — זאָגט מיר אַ פּוילישער אָפיציר. — די ענגלענדער און „אײַערע״ פראַנצויזן האָבן זיך נישט געאײַלט אונדז צו ליפערן... און וואָס שייך „אונדזער״ רעגירונג דעמאָלט...

— די ענגלענדער... — רײַסט אים איבער אַ צווייטער, אַן עלטערער פּוילישער באַנאַרבעטער — ווען זיי און די אַמעריקאַנער וואָלטן וועלן, וואָלט די מלחמה שוין לאַנג געווען פאַרענדיקט, וואָלט שוין מיט צוויי, מיט דרײַ יאָר צוריק וואַרשע געווען באַפרײַט... וויפל מיליאָנען מענטשן וואָלטן געקענט געראַטעוועט ווערן!... און אונדזער וואַרשע וואָלט נישט אַזוי אויסגעזען — ווײַזט ער מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פון ריזיקן אומענדלעכן הויפן חורבות אויף יענער זײַט ווײַסל, וואָס קוקט אַהער פון דער אָוונטיקער טונקלקייט מיטן פאַרשטאַרטן בליק פון פאַרגלייזטע אויגן פון אַ בר־מנן.

...און אויף ס'נײַ ציִען זיך שווערע וועגענער. דאס מאל זע־נען עס גרויסע סאוועטישע לאסטאויטאס.

— דאס ברענגען זיי תבואה פאר דער באפעלקערונג — זאגט מיר מײַן באגלייטער — א מתנה פון סטאלינען פארן באפרײַטן פאלק...

---

דעם זעלבען אוונט אויפן וואקזאל פון פראגע. פול מיט מענטשן אינעווייניק און אויך אין דרויסן. מען ווארט אויפן ציג קיין לובלין. וועט ער הײַנט אפפארן? אדער מארגן?

פארשידנארטיק איז דער עולם: מיליטער־לײַט און ציווילע פראנצויזישע קריגס־געפאנגענע און דעפארטירטע, אפגעראטעוועטע דורך דער סאוועטישער ארמיי. אט באקענט מען זיך מיט א ייִדישן יונגן־מאן, וואס איז ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק ארויס פון א בונקער, לעבן דער ציטאדעל. ער איז געבליבן איינער פון 9, וואס האבן צוויי יאר צײַט „געלעבט" אין דאזיקן בונקער. פיר וואכן נאך דער באפרײַונג פון ווארשע האט ער נאך נישט געוווּסט אז ער איז פרײַ...

אין אונדזער ווינקל פירט זיך א לעבהאפטע דיסקוסיע.

— היטלער האט געזאגט — רופט זיך אפ אן ארבעטער — אז ווארשע וועט אפגעמעקט ווערן אויף אייביק, זי וועט קיין מאל מער נישט עקסיסטירן... ער האט זי טאקע אפגעמעקט, אבער עק־סיסטירן וועט זי און וועט נאך זײַן שענער און גרעסער ווי פריִער...

א יונגער סאוועטישער אפיציר־דערציילט וועגן די היטלעריס־טישע בארבארײַען אינעם טייל ראטן־פארבאנד ,וואס זיי האבן אקו־פירט:

— פון סטאלינגראד ביז דער פוילישער גרענעץ האב איך באגעגנט בלויז חורבות. אונדזער ערד איז אדורכגעווייקט מיט טײַכן אומשולדיק בלוט... יא, מיר פארשטייען אײַער ווייטיק. אונדזער קאמף איז א געמיינזאמער .דער חבר סטאלין האט אונדז געשטעלט אלס אויפגאבע נישט בלויז צו באפרײַען אונדזער סאוועטישע טעריטאריע, נאר אויך העלפן באפרײַען די פעלקער פון אנ־דערע לענדער, וואס שמאכטן אונטערן היטלעריזם... די רעגי־רונג פון ראטן־פארבאנד — האט סטאלין געזאגט אין אן ענטפער צו אן אויסלענדישן קארעספאנדענט אין יאר 1943 — ווינטשט צו זען א שטארק און אומאפהענגיק פוילן נאך דער מפלה פון היט־לערישן דײַטשלאנד".

— דאס וועט שוין מער נישט זײַן דאס פוילן פון די פאנעס, פון דער סאנאציע, פון די בעקס — באמערקט מיט איבערצײַגונג א פוילישער סאלדאט.

ער ווײַזט מיר דעם טעקסט פונעם „מאניפעסט פון 22טן יולי". מײַן בליק פאלט אויף די ווערטער:

„דאס אויפבויען די פוילישע מלוכישאפט באזירט זיך אויף דעם אומקער פון די דעמאקראטישע פרײַהייטן, אויף דער גלײַכ־הייט פון אלע בירגער ,אן אונטערשיד פון ראסע, גלויבן און נא־ציאנאליטעט. די דעמאקראטישע פרײַהייטן קענען נישט דינען די שונאים פון דעמאקראטיע. פאשיסטישע ארגאניזאציעס וועלן ווערן אויסגעראטן מיט דער גאנצער שארפקייט פון געזעץ".

---

יארן זענען אדורך זינט דעמאלט. דאס חרובע ווארשע בויט זיך צוריק אויף מיט אויסערגעוויינלעכע טעמפּן. דאס גאנצע לאנד איז אין רושטאוואניעס. נײַע שטעט, נײַע פאבריקן און גרובנס. עס איז אויפגעשטאנען א נײַ פוילן, ווו דאס פאלק איז בײַ דער מאכט און מארשירט צום סאציאליזם.

אויסגעראטן אינעם לאנד גופא, לויערט דער שונא פון דרויסן. ער לויערט אויף די גרענעצן פון נייעם פוילן. די היטלערישע גע־נעראלן, די פרײַסישע יונקערס, די קרופּס און די אדענאוערס חלו־מען און רעדן הויך וועגן רעוואנש. הינטער זיי שטייט דער בעל־הבית — דער אמעריקאנער אימפעריאליזם, וואס וויל צוריק אויפ־שטעלן די נאצישע ווערמאכט און וואס טרײַבט די מערב־דײַטשע יוגנט צו א נײַער מלחמה.

„די אמעריקאנער מאכט — האט געשריבן דער וואל־סטריט־ארגאן „ניו־יארק טיימס" — באטראכט גינסטיק די פאדערונגען פון באן אויף די מיזרח־טעריטאריעס, ווײַל זיי שטעלן מיט זיך פאר א פרווו פון דער פעדעראלער רעפובליק צו גרופירן די אלע, וואס קעמפן קעגן קאמוניזם"...

זיי שארפן די ציין אויף דער גרענעץ פון אדער־ניסע אלס אן ערשטן עטאפ פאר זייערע רעוואנשפלענער קעגן די פאלקס־דעמא־קראטישע לענדער, קעגן ראטן־פארבאנד.

דאס באפרײַטע פוילישע פאלק וועט אבער נישט לאזן אנרירן זײַנע גרענעצן, וואס זענען די גרענעצן פון שלום. דאס נײַע פוילן איז נישט אליין. עס איז ארומגערינגלט מיט פרײַנדשאפט און ליבע פון זײַנע שכנים — דעם מעכטיקן ראטן־פארבאנד, די טשעכאסלא־וואקישע רעפובליק און די דײַטשע דעמאקראטישע רעפובליק.

דאס נײַע פוילן געניסט פון דער סימפאטיע פון אלע ארבע־טנדיקע אין דער וועלט, פון אלע אנהענגער פון שלום.

מאַנעס שיינבוים (בוענאָס־אײַרעס)

# ביַים אָפּדעקן דעם מאָנומענט פון די קדושים אין וואַרשע

**דעם 19טן אַפּריל 1948**

ס'איז שווער, זייער שווער, זיך פאָרצושטעלן זאכן וואָס מ'האָט נישט געזען, בפרט נאָך ווען די זאכן שטעלן מיט זיך פאָר דאָס ליבע און שיינע, וואָס זענען פאַרבונדן מיט טויזנטער פעדעם מיטן יונגן לעבן פון די ערשטע צוואַנציק יאָר, וואָס זענען געווען פול מיט שטורמישן קאַמף אויף די גאַסן פונעם ייִדישן וואַרשע.

איך האָב מיט מיַינע אויגן געזען דעם שרעקלעכן חורבן, איין גרויסע חורבה וואָס ס'איז געבליבן פון דעם אַמאָליקן וואַרשע. אָט שטייען מיר ראָג דזשיקע און גענשע, אויפן אָרט ווו עס געפינט זיך דער מאָנומענט פון די געטאָ־קדושים. פונקט אַקעגן איבער איז ווי דורך אַ וווּנדער געבליבן דער צעבראָכענער טויער פון דער מיליטערישער טורמע, געבליבן אַ שטומער עדות אויף אַ פוסטן און ליידיקן פּלאַץ, פול מיט צעבראָכענע ציגל און גרוז.

אָט טאָקע דורך דעם טויער האָט מען טויזנטער ייִדן אַריַינגעפירט דערשאָסן צו ווערן. אָט טאָקע דורך דעם טויער זענען טאָג טעגלעך דורכגעגאַנגען די מיטגלידער פונעם „יודענראַט" און זייער ייִדישע פּאָליציי. אַ ביסל וויַיטער, אויף דזשיקע ראָג סטאַווקע האָט זיך געפונען דער געוועזענער „דאָס־פּשיטולעק" וואָס די נאַציס האָבן פאַרוואַנדלט אינעם „אומשלאָג־פּלאַץ", פון וואַנען מ'האָט הונדערטער טויזנטער פון אונדזער פאָלק געפירט אין די גאַזקאַמערן און קרעמאַטאָריעס.

עטלעכע שפּאַן פון דאַנען אויף גענשע ראָג נאַלעווקעס האָבן אונדזערע אויפשטענדלערס צוגעטיילט די ערשטע און גרעסטע מפּלה די נאַציס.

עס קומען איצטער הונדערטער דעלעגאַציעס מיט בלומענקרענץ, אָבער איך באַמערק זיי ניט. איך זע נישט דעם ים מענטשן וואָס זענען געקומען בייגן זייערע קעפּ פאַרן סימבאָל פון העלדישקייט און מאַרטירערטום. פאַר מיַינע אויגן שוועבט אַדורך דאָס געוועזענע וואַרשע, מיַין היימשטאָט, דאָס רוישיקע לעבן פול מיט גיַיסטיקן שאַפן, דער צענטער און די לאַבאָראַטאָריע פון דער ייִדישער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכקייט.

איך קען נאָך אַלץ זיך נישט אָפּריַיסן מיט מיַין דמיון פון די בערג מיט קינדער שיכלעך, די סטויגן פרויענהאָר. וויפל צער און ווייטיק מוז מען איבערלעבן ווען מען זעט טרעבלינקע, מיַידאַנעק און אָשוויענטשים. איך בין געווען אין די גאַזקאַמערן, כ'האָב געזען אַלע אינקוויזיציע־פּלעצער, די באַראַקן מיט צענדליקער טויזנטער אָנצוגן, וואַליזקעס, שיך, ברילן און ציינבערשטלעך. מ'האָט מיך געפירט איבער די וואַרשעווער „גאַסן". אויף אַ שמאָל סטעזשקעלע צווישן רייען בערג מיט ברוכוואַרג וויַיזט מיר אָן מיַין באַגלייטער אויף אַ שטייענדיקער ליַיסט מיט אַ שילדל „קאַרמעליצקאַ". אָט דאָס אָ, דער אַ גרויסער מיסטקאַסטן איז דאָס געווען די שפּרודלדיקע שטאָט־אַרטעריע פון דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס? דאָ טאָקע האָט זיך געפונען דער גראָסער־קלוב, די אַרבעטער־היים, דער טעקסטיל־פאַראיין? אויף דער אַ סטעזשקע האָבן זיך צענדליקער יאָרן, מעת־לעת איַין און אויס, געאײַלט טויזנטער ייִדישע אַרבעטער? אויף דעם גרוז זענען דאָס געשטאַנען די דריַי גענעראַלשטאָבן פון דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס?

ס'פאַרקלעמט מיר דאָס האַרץ, מיַינע ברילן ווערן מיר פאַרלאָפן, מעכאַניש שטעק איך אַריַין מיַין האַנט אין טאַש אַריַין נאָך אַ טיכל. ווי אַן אָפּגעבריטער שפּרינגט אָפּ מיַין האַנט. אין מיַין קעשענע ליגט אַ שטיקל זייף „פון ריינעם יודענפעטס" וואָס מ'האָט מיר געגעבן פאַרן וואַרשעווער לאַנדסליַיט־פאַראיין. איך צעוויין זיך. נו טאָקע, ווער ווייסט פון וועמענס ליַיבער דאָס פעטס שטאַמט. אפשר פון מיַין שוועסטער אָדער ברודער און אפשר פון איינעם פון מיַינע טיַיערע יוגנט פריַינד און חברים, אָדער גאָר פון אַלעמען צוזאַמען?!

אַ חבר וואָס שטייט לעבן מאָנומענט וועקט מיך איבער מיט זיַין האַנט אויף מיַין אַקסל. איך ציטער אויף אַזוי ווי פון הינערפּלעט און הויך זאָג איך: ניין, דאָס טאָר זיך שוין מער נישט איבערחזרן, און דאָס איז געווען און געבליבן די שבועה פון אַלע וועמען עס איז ליב און טיַיער זייער פאָלק.



יוסף סאַנדאַטש — סאַן פּאולאָ, בראַזיל

# וואָס איך האָב געזען אין פאָלקס־פּוילן

## נישטאָ אין נייעם פּוילן קיין באַדינגונגען פאַר אַנטיסעמיטיזם

צי איז פאַראַן אַנטיסעמיטיזם אינעם נײַעם פּוילן?

במשך די צוואַנציק טעג וואָס איך בין געווען אין פּוילן, האָב איך זיך נישט אָנגעטראָפן אויף קיין איין פאַל פון אַנטיסעמיטיזם און איך האָב געקענט פעסטשטעלן מיט דער פולסטער זיכערקייט, אַז קיין באַדינגונגען פאַר אַנטיסעמיטיזם און קיין סיבות פאַר אַנטי־סעמיטיזם זענען שוין דאָרטן נישטאָ.

עס זענען נישטאָ קיין באַדינגונגען פאַר אַנטיסעמיטיזם דערפאַר, ווײַל די איצטיקע רעגירונג, אַ רעגירונג אַ פאָלקס־דעמאָקראַטישע, האָט נישט בלויז געשטעלט אַנטיסעמיטיזם אויסערן געזעץ, נאָר אים אויך אונטערגעוואָרפן דעם קאָדעקס פון סאַבאָטאַזש.

יעדער אַנטיסעמיטישער אַקט, אָדער בלויז אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, ווערט פאַררעכנט פאַר סאַבאָטאַזש קעגן דער איצטי־קער אָרדענונג, און ווי אַזעלכער באַשטראָפט מיט די שטרענגסטע שטראָפן, ביז טויטשטראָף.

עס זענען אין פּוילן נישטאָ מער קיין סיבות פאַר אַנטיסעמי־טיזם, דערפאַר, ווײַל קיינער דאַרף מער נישט קיין שעיר־לעזאזל. ייִדן זענען אינטעגרירט אין אַלע געביטן פון לעבן, באַגלײַך מיט אַלע נישט־ייִדישע אַרבעטערס.

מיר טרעפן ייִדן אין די קוילן־גרובן פון סטאַלינאָגרוד. איך האָב געטראָפן ייִדישע פּויערים אַרום וואַלבזשיך. מען טרעפט ייִדן אין כמעט אַלע פאַבריקן און אומעטום. עס זענען דאָ ייִדן בײַם בויען הײַזער, בריקן און שאָסייען, ייִדן אין דער אַרמיי, אָנהויבנדיק פון־נעם פּשוטן זעלנער און ענדיקנדיק בײַ גענעראַלער; ייִדן ביי די צום וויכטיקסטן באַדײַטנדיקע אַרבעטן און ייִדן אויף די העכסטע מלוכישע אַמטן.

דער ייִד איז מער נישט קיין אָביעקט, אויף וועלכן עס זאָל ווער אָנווײַזן מיטן פינגער ,ווי דער שולדיקער אין אַלע אומגליקן.

און קוים מאַכט זיך אַ מאָל, אַז עס זאָל ווער מיט פינצטערע כוונות דאָס טאָן, קען ער דאָס באַווײַזן נאָר איין מאָל. מער ווערט אים דערצו קיין מעגלעכקייטן נישט געגעבן.

און נאָך אַ מאָטיוו צוליב וועלכן עס זענען שוין נישטאָ קיין סיבות פאַר אַנטיסעמיטיזם.

בײַ די איציקע באַדינגונגען, די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע, נישט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן פון אַ נאָך־וואָס דורכגעמאַכ־טער שוידערלעכער מלחמה און אויף דער פּראָבלעם פון דאַרפן אויפבויען אַ שווערע אינדוסטריע, לעבן שוין נײַנציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג בעסער און זיכערער, ווי זיי האָבן געלעבט אינעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן. דאָס הייסט, נײַנציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָבן שוין גענאָסן פונעם איצטיקן רעזשים, נישט רעכענענדיק די כסדרדיקע בעסערונגען. בלויז אין דער לעצטער צײַט זענען פאָרגעקומען פיר פּרײַזשניטן, ד״ה פיר מאָל זענען די פּרײַזן פון אַלע פּראָדוקטן געשניטן געוואָרן .און דער אַרבעטער, אויסער זײַנע אויסזיכטן שטענדיק צו פאַרדינען מער דורך קוואַלי־פיצירן זיך, האָט אויך די מעגלעכקייטן מיטן זעלבן געלט צו קויפן מער און מער פּראָדוקטן.

דער אַרבעטער זעט שוין בולט, אַז נישט אינעם ייִד איז גע־לעגן די סיבה פון זײַן פינצטערן לעבן, נאָר אַז די סיבה איז גע־לעגן אין אַן אָרדענונג פון עקספּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש, אַן אָרדענונג אין וועלכער אַ קליין הײַפל האָט שטענדיק געזוכט אויסצובעסערן זייער וווילטאָג, פאַרערגערנדיק דאָס לעבן פון מי־ליאָנען אַרבעטערס, פּויערים, אינטעלעקטואַלן אא״וו.

די דאָזיקע נײַע ווירקלעכקייט אינעם הײַנטיקן פּוילן איז די בעסטע פאַרזיכערונג קעגן דעם גיפטיקן סם, וואָס האָט פאַראורזאַכט אַזוי פיל שוידערלעכע פאַרברעכנס.

און מיט נאָך אַ פאַרזיכערונג אַז עס וועט מער נישט זײַן קיין אַנטיסעמיטיזם, האָב איך זיך אָנגעטראָפן. און דאָס איז אפשר די פּרייזיקסטע.

איך האָב געזען ווי עס ווערט דערצויגן דער נײַער דור.

איך האָב באַזוכט פאָרשולן, קינדער־קאָלאָניעס, יוגנט־פּאַלאַצן. איך האָב געזען וויפל אַכט עס ווערט געלייגט אויף דער דערציִונג פונעם קינד, מיט וויפל זאָרג און פּיעטעט עס ווערט איבערגעבויט די מענטשלעכע נשמה.

איך חאָב נישט באַזוכט קיין קינדערשולן, ווײַל עס איז געווען די צײַט פון פעריען. אָבער אַכציק פּראָצענט פון די שטאָטישע קינ־דער געפינען זיך אין קאָלאָניעס. פאַר די דאָרפישע קינדער ווערן אײַנגעאָרדנט קאָלאָניעס אין די שטעט. דער אַנאַלפאַבעטיזם איז טאָטאַל ליקווידירט. דרײַ מיט אַ האַלבן מיליאָן קינדער לערנען זיך אין די פּרימאַרשולן. די פאַרשידנסטע סעמינאַרן לאָזן יאָר־יערלעך פון זיך אַרויס טויזנטער און טויזנטער נײַע לערער־קאַדרען, לערער צוגעגרייטע צו דערציִען אַ נײַעם מענטש.

באַזוכנדיק פּוילן, קומענדיק אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט דעם דערציִונגס־וועזן, האָט מען דעם אײַנדרוק אַז דאָס גאַנצע לאַנד לעבט און אַרבעט נאָר פאַרן וווילזײַן פון קינד.

עטלעכע טעג האָב איך געווידמעט דעם באַזוך אין פאַרשידענע קאָלאָניעס, קינדערהיימען, יוגנט־פּאַלאַצן. שעהען לאַנג האָב איך פאַרבראַכט אין דער געזעלשאַפט פון קינדער, צוויי מאָל מיט זיי מיטיק געגעסן. איך האָב מיט זיי געטאַנצט און געזונגען און אַ סך שעהען געשמועסט. איך האָב גערעדט מיט זיי וועגן זייערע שפּילערײַען און וועגן ערנסטע פּראָבלעמען.

איך האָב מיטגעפילט זייער פאַרדראָס, וואָס אַ צונעגרייטע שפּילערײַ זייערע האָט זיך נישט אײַנגעגעבן און זייער באַזאָרגט־קייט וועגן דעם גורל פון גוואַטעמאַלאַ. זיי האָבן זיך אויסגעפּרענט אויף מײַנע קינדער און אויף זשאַרזשע אַמאַדאָ, געוואָלט וויסן וואָס פאַר אַן אײַנדרוק עס האָט אויף מיר געמאַכט די אויטאָמאָביל־פאַבריק „זשעראַן” הינטער וואַרשע. זיי האָבן זיך געגרויסט מיט זייער געוועט־אויסצייכענונג און מיט דער פּראַכט פון זייער יוגנט־פּאַלאַץ.

איך בין פאַרכאַפּט געוואָרן פון זייערע פראַגעס און מיטגע־ריסן געוואָרן מיט זייער פרייד און געזאַנג. און כאָטש אומעטום אין פּוילן האָב איך זיך געפילט גוט, האָב איך זיך אָבער צום בעסטן געפילט אין דער געזעלשאַפט פון די קינדער.

איך האָב געפילט אַז עס ווערט דערצויגן אַ נײַער דור. נײַ אין זײַן גאַנצער פּסיכאָלאָגיע, נײַ אין זײַן גאַנצער מענטאַליטעט, נײַ אינעם גרינטלעכן זינען פון וואָרט.

איך האָב געזען, ווי עס קומען אויף מענטשן, וואָס ווערן דערצויגן אין ליבשאַפט און קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, מענטשן וואָס וועלן נישט בלויז זײַן פעיִק, נאָר וועלן אויך זײַן ראוי אין דער צוקונפט איבערצונעמען אין זייערע הענט דעם רודער פון אַ נײַער וועלט.

בײַם געזעגענען זיך מיטן דירעקטאָר פון איינער פון די קאָלאָניעס, האָט ער מיר שטאַרק געדריקט די האַנט און כמעט ווי מיט טרערן געזאָגט: „איך בין פון אַלע מאָל אַ געוועזן אַן אָנהענגער פון יאַנוש קאָרטשאַקס דערציִונגס־מעטאָדן. אַ שאָד וואָס ער לעבט שוין נישט, דער אַלטער, ער וואָלט אונדז שטאַרק צוניץ געקומען”.

איך אַליין האָב דאָס אויך געפילט. אַזוי פיל חלומות און אַזוי ווייניק מעגלעכקייטן האָט ער געהאַט בײַ זײַן לעבן. און איצט, ווען די מעגלעכקייטן זענען אומבאַגרענעצטע, ווייסן מיר אַפילו נישט ווו דאָס אַש פון זײַן געביין איז פאַרטראָגן געוואָרן.

## די פאָלקס־רעפּובליק פון פּוילן

וואָס איז אַזוינס אַ פאָלקס־דעמאָקראַטישע רעפּובליק און מיט וואָס אונטערשיידט זי זיך פון אַנדערע רעפּובליקן?

איך האָב זיך די דאָזיקע פראַגע געשטעלט אין אָנבליק פון דער פּוילישער ווירקלעכקייט, און געזוכט צו דערגיין מיט מײַן אייגענער אָבסערוואַציע און שכל ציִ זענען די אייגנשאַפטן פון אָט די צוויי ווערטער — פאָלק און דעמאָקראַטיע — אַ ווירקנדיקער יש אינעם הײַנטיקן פּוילן.

פאָלק און דעמאָקראַטיע — אייגנטלעך איז שוין דאָס ערשטע וואָרט אַן איבעריקס. דעמאָקראַטיע באַטײַט שוין, במילא, פאָלקס־פאַרוואַלטונג. און איך האָב געזוכט אָנצוטאַפּן די דאָזיקע פאַרוואַלטונג פון פאָלק אינעם נײַעם פּוילן.

איך האָב באַזוכט פאַבריקן, איך האָב באַזוכט דאָרפס־קאָאָפּעראַטיוון, איך האָב באַזוכט דערציִונגס־אַנשטאַלטן, איך האָב גערעדט מיט מענטשן פון בוי־קאָאָפּעראַטיוון. אומעטום האָב איך געטראָפן שטיין אין דער שפּיץ, בײַ דער אָנפירונג, מענטשן וואָס האָבן מיט זייער אייגענעם דראַנג און אַרבעט, מיט זייער אייגענער אינטעליגענץ און פעיִקייט, זיך דערהויבן צו די פּאָסטנס וואָס זיי פאַרנעמען.

עס איז שוין אַ פעסטגעשטעלטער כּלל, עס איז נישט מעגלעך צו רעדן וועגן פּאָליטישער דעמאָקראַטיע, דאָרט ווו עס הערשט עקאָנאָמישע דיקטאַטור.

אין אַ לאַנד, ווו דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבן ליגט אין די הענט און ווערט פאַרוואַלטעט פון אַ גאָר קליינעם טייל פון דער באַפעלקערונג; אין אַ לאַנד, ווו די גאַנצע אינדוסטריע, די מאַשינען, די רוישטאָפן, דאָס געלט און דער רווח געהערן צו געציילטע; ווו די פעלדער, די אַקער־אײַזנס, די פלאַנצן און די פרוכט פון דער ערד איז דאָס אייגנטום פון איינצלנע; ווו פאַבריקן, אונטערנעמונגען, גיטער, ווערן פאַרוואַלטעט פון מענטשן וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער לאָיאַליטעט צו די בעלי־בתים און מיטן אַרויסבאַקומען דעם גרעסטן סכום פאַרדינסטן און במילא וווילטאָג פאַר די, וואָס זענען דורך צופאַל און אין קאָנסעקווענץ פון אַ נישט גערעכטער אָרדענונג, די בעלי־בתים פון אַלץ און פון אַלעמען; אין אַ לאַנד, ווו דאָס פאָלק, די אומענדלעכע מאַסע פון מענטשלעכע לעבנס, וואָס באַוועגן מאַשינען, שנײַדן און שמידן, זעגן און בויען, אַקערן די ערד און פירן די באַנען, שטעלן מיט זיך צונויף נישט מער ווי איינסן מיט גרויסע פאַרקנעכטנדיקע פליכטן, אָבער מיט גאָר, גאָר באַגרענעצטע רעכטן — אין אַזאַ לאַנד איז נישט לאָגיש, איז נישט שייך צו רעדן וועגן דעמאָקראַטיע, וועגן פאָלקס־פאַרוואַלטונג.

אַפילו דאָס קליינע ביסל דעמאָקראַטישע פרײַהייט און רעכטן, וואָס פעלקער האָבן אין געוויסע לענדער מיט אַ סך בלוט און לעבנס אויסגעקעמפט, ווערט אויך שטענדיק באַדראָט דורך די מאַכטהאָבערס און קען בײַ געוויסע אומשטענדן צוגענומען ווערן אויב די פעלקער וועלן נישט שטיין ווי געהעריק אויף דער וואַך.

אין פּוילן האָב איך געטראָפן פאָלקס־דעמאָקראַטיע, אמתע פאַרוואַלטונג פון פאָלק.

## פאָלקס־פאַרוואַלטונג פון די פאַבריקן

די פאַבריקן וואָס זענען דאָס אייגנטום פון פאָלק, ווערן פאַרוואַלטעט דורך ראַטן און פאַרוואַלטערס, וואָס וואַקסן אַרויס פון די אַרבעטערס גופא און וואָס האָבן פאַר אַ ציל נישט בלויז אויסצובעסערן, פאַרשענערן און פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע, וואָס דאָס אַליין ווערט שוין אויך פאַרוואַנדלט צום גוטן פונעם פאָלק, נאָר די פאַרוואַלטונג פון דער פאַבריק דאַרף אויך טראַכטן וועגן שאַפן בעסערע לעבנס־באַדינגונגען פאַר אירע אַרבעטערס, ווי: היימען פאַר זייערע קינדער, קלובן פאַר זייער געזעלשאַפטלעכער אויסלעבונג, טעאַטער, ביבליאָטעקן, פאַרווײַלונגס־ און ספּאָרט־פּלעצער, ווי אויך זאָרגן פאַר אַלע נויטן און דערפירן דערצו, אַז דער אַרבעטער זאָל פון דער פאַבריק, ווען ער ניט אָפּ זעקס, זיבן אָדער אַכט שעה

ענערגיע א טאג, באקומען אלץ פאר זיין פיזישער און גייסטיקער אויפהאלטונג און אויסלעבונג .

איך האב אין פראגע, א געגנט פון ווארשע, באזוכט א קליידער־פאבריק, ווו עס ארבעטן פיר טויזנט מענטשן .איך האב זיך ארומגעדרייט איבער די גרויסע לופטיקע, רחבותדיקע ארבעטסזאלן, גערעדט מיט די צושניידערס און פרעסערס, מאשינערס און קאנטראלארן. איך האב געזען דעם „זשלאבעק", דעם אנשטאלט, ווו מאמעס וואס ארבעטן אין דער פאבריק לאזן איבער זייערע קינדער אונטער דער אויפזיכט פון געשולטע דערציִערינס. איך האב גערעדט מיט ארבעטערס ,וואס זענען נאר וואס צוריקגעקומען פון „וויוואטשאסן" (פעריען) — יעדער ארבעטער באקומט נישט בלויז א חודש פעריען א יאר, נאר ער באקומט אויך אומזיסט אן ארט אין אן אפרופלאץ און א באנבילעט צו פארן. פארברענגען זיין חודש רו. איך האב באזוכט דעם קלוב און טעאטער־זאל פון דער פאבריק, ווו עס פונקציאנירט א כאר, א ביבליאטעק, א טאנצגרופע, אלץ אויסגעהאלטן פון דער פאבריק צום דינסט פון אירע ארבעטערס. און איך האב פארשטאנען דעם שטאלץ פונעם פארטיער ביים טיר, ווען ער האט מיך, ביים ארויסגיין, געפרעגט:

— נו, ווי געפעלט אייך אונדזער פאבריק?

אין דער נאטירלעכקייט פונעם אונדזער פאבריק איז געלעגן דער יסוד פון דער נייער דעמאקראטיע.

דער הויפט־פארוואלטער פון דער פאבריק, א יונגערמאן פון עטלעכע און דרייסיק יאר, אליין א שניידער־ארבעטער, האט מיר דערקלערט, אז א באשטימטע צאל ארבעטערס, ווען זיי זענען נישט צופרידן מיט זייער סעקציע־פארוואלטער, אדער אפילו הויפט־פארוואלטונג פון דער פאבריק, האבן זיי ס'רעכט, ביי אן אלגעמיינער פארזאמלונג, צו פאדערן אן אומבייט.

ווען איך האב באזוכט קליצע, א דארף 80 קילאמעטער פון גדאנסק, און געגעסן א פויעריש מיטיק מיט די מיטגלידער פונעם דארפס־קאאפעראטיוו „פזשישלאשטש" (צוקונפט), האט מיר דער פארזיצער פונעם קאאפעראטיוו, וויצענטע גילינסקי, א מיטליאריקער בעל־הבית, וועמענס עלטער־זיידעס האבן נישט געוווסט פון עפעס אנדערש ווי אקערן און זייען, שניידן און דרעשן, דערקלערט: „אט האבן מיך די הונדערט מיטגלידער פון אונדזער קאאפעראטיוו אויסגעוויילט פאר זייער פארזיצער. דאס גיט מיר א סך ארבעט און פאראנטווארטלעכקייט. אויסער מיין ארבעט אין פעלד מוז איך נאך זארגן, אז אלץ אין קאאפעראטיוו זאל גיין גוט. אפט מאל קומען צו מיר די „כלאפעס" (פויערים) מיט די קלענסטע נארישקייטן און איך מוז זיי דאס דערליידיקן" .

אויסער פארזיצער פון זיין קאאפעראטיוו, איז וויצענטי גילינסקי אויך דעפוטאט אין „סיים" (פארלאמענט), אויסגעוויילט דורך דער ארומיקער געגנט און דירעקט פאראנטווארטלעך צו די פויערים ,וועלכע האבן אים אנפארטרויט דעם מאנדאט.

די דאזיקע פאקטן גיבן אונדז דעם כאראקטער פון א ברייטער פאלקס־דעמאקראטיע, ווו די פארוואלטונג פון פאלק הייבט זיך אן פונעם יסוד, פון דער סאמער קלענסטער עקאנאמישער באזע און ענדיקט זיך ביי דעם העכסטן מלוכישן פאסטן.

עס איז גענוג צו דערמאנען, אז דער פרעזידענט פון דער פוילישער פאלקס־רעפובליק, אלעקסאנדער זאוואדזקי, איז אליין געווען א קוילן־גרעבער אין דער געגנט פון קאטאוויץ און האט ערשט אין די טורמעס פון דער פוילישער סאנאציע אנגעהויבן זיין בילדונג, וואס האט אים דערפירט צו דעם העכסטן רעגירונגסאמט אין נייעם פוילן, ביז צו פרעזידענט פון דער רעפובליק.

## מענטשלעכע פרייהייט

צי עקזיסטירט פרייהייט אין פוילן?

פאראן „פרייהייטן", וועלכע די מענטשלעכע לאגיק פאראורטיילט, ווי צום ביישפיל: פרייהייט צו רויבן יענעמס האב און גוטס, פרייהייט צו מארדן, פרייהייט צו שטערן יענעמס רו.

אין א סאציאליסטישער ארדענונג ווערט צו די דאזיקע פארבאטענע פרייהייטן צוגעגעבן נאך עטלעכע ,ווי: לעבן פון יענעמס ארבעט ,פראפאגירן שנאה צווישן מענטש און מענטש, אנווענדן ראסן־דיסקרימינאציעס לגבי יידן, נעגערס, אדער ווען עס זאל נישט זיין, פארניכטן אדער שעדיקן אלגעמיין פאלקס־אייגנטום (סאבאטאזש), פראוואצירן צווישנפעלקערלעכע נישט־פארשטענדעניש, וואס קען פירן צו מלחמה, זיך באנוצן מיט געוויסע סיטואציעס אדער פריווילעגיעס פאר פערזענלעכע, עגאיסטישע צוועקן, רייצן נידעריקע שאוויניסטישע אינסטינקטן, כדי אזוי ארום שעדיקן די פריינדשאפט צווישן פעלקער.

די און ענלעכע „פרייהייטן" ,וואס האבן דעם ציל אונטערצוגראבן די אזוי שווער אויסגעקעמפטע פאלקס־דעמאקראטיע, ווערן אין א לאנד מיט א סאציאליסטישער ארדענונג נישט געדולדעט, און א סך פון זיי ווערן באשטראפט מיט די שטרענגסטע שטראפן.

אין אלגעמיין אבער ווערט פרייהייט, פאזיטיווע מענטשלעכע פרייהייט ,נישט נאר געדולדעט ,נאר קולטיווירט אינעם היינטיקן פוילן.

איך האב זיך אין פוילן באוועגן פריי, געגאנגען און געקומען ווו איך האב געוואלט, גערעדט מיט וועמען איך האב געוואלט און קיין מאל האט מיר קיינער נישט געמאכט אויפמערקזאם אז וועגן דעם דארף מען נישט רעדן.

## פרייהייט פון קריטיק

צי עקסיסטירט פרייהייט פון קריטיק?

ווידער א מאל דאס זעלבע. אויב די קריטיק האט נאר נישט פאר קיין ציל צו שעדיקן די גוטע באציִונגען צווישן מענטשן, ארויסרופן סאבאטאזש אדער פראוואצירן דיסקרימינאציעס, אונטערגראבן די איצטיקע לעבנס־באדינגונגען, ווערט די קריטיק נישט בלויז דערלויבט, נאר געפאדערט.

שווער צו טרעפן אזוי פיל און אזא פרייע קריטיק אין אנדערע לענדער. אין פוילן קענט איר זי טרעפן אין די צייטונגען און אויף די פארזאמלונגען, אין די טעאטער־פארשטעלונגען און אין דער ליטעראטור, אומעטום, ווו נאר עס איז דא א געלעגנהייט זי ארויסצוברענגען.

אנהייבנדיק ביי דעם קלענסטן פארוורף ,וואס אן ארבעטער האט צו מאכן זיין סעקציע־פארוואלטער אדער אנגעשטעלטן אין קאאפעראטיוו, און ענדיקנדיק ביי דער שארפסטער קריטיק בנוגע די וויכטיקסטע מאכטארגאנען ,ווערט די קריטיק אין פוילן פאררעכנט פאר איינער פון די ווירקזאמסטע רפואות אויף צו סאנירן, אויב עס עקסיסטירט ערגעץ א קראנקהאפטע סיטואציע.

דאס זעלבע איז וועגן פרייהייט פון ווארט, פרייהייט פון געדאנק, פרייהייט פון שאפן.

## קונסט און ליטעראַטור

אין קיין שום לאַנד ווערט דעם שרײַבער, דעם קינסטלער, נישט געגעבן אַזעלכע באַדינגונגען און מעגלעכקייטן פרײַ צו אַנטוויקלען זײַן אינטעלעקט, פרײַ אַרויסצוברענגען זײַנע געדאַנקען, פרײַ צו צעשפּילן זײַן קינסטלערישע מוזע, ווי אין אַ פאָלקס־דעמאָקראַטיע.

אין אַ לאַנד ווו די עקאָנאָמיק, און במילא פּאָליטיק, איז דאָס אייגנטום פון אַ קלאַס, פון אַ קליינעם הערשנדיקן קלאַס, איז אויך די קולטור, די הערשנדיקע קולטור פונעם לאַנד, דאָס אייגנטום פונעם זעלבן קלאַס.

עס איז זייער „פּאָפּולער" אין אונדזערע לענדער די ליטעראַטור, דאָס טעאַטער, וואָס באַזינגט דעם אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער, וואָס לויבט די גרויסקייט פון פּריוואַטער איניציאַטיוו, אָדער וואָס גיט ראָזעווע מאָנאָגראַפיעס איבער די לאָרדן פון דער אינדוסטריע און פינאַנצן. שעדלעכער, אָבער, ווי די דאָזיקע דירעקט פּראָפּאַגאַנדיסטישע ליטעראַטור, איז די אַזוי גערופענע אַפּאָליטישע ליטעראַטור פון די שרײַבערס, וואָס פּרעדיקן, אַז דער קינסטלער דאַרף זיך, און במילא אויך זײַן לייענער־אוידיטאָריע, אויסשליסן פון וועלכן נישט איז אָנטייל אינעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד.

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, די שעדלעכסטע פּאָליטישע שטרעמונג, וואָס נייטראַליזירט דאָס פאָלק, שליסט עס אויס פון וועלכן נישט איז אַקטיוון לעבן פון לאַנד, פאַרוויגט עס אין אַ שטימונג פון נישט נעשטויגענע חלומות, אָדער אין נישטיקייט פונעם מענטשלעכן לעבן. און אַזוי אַרום באַקומט דער הערשנדיקער קלאַס אַלע מעגלעכקייטן פרײַ אויסצופירן אַלע זײַנע אַמביציעס, נישט מורא האָבנדיק פאַר דער רעאַגירונג פונעם פאָלק.

אין לאַנד, אין וועלכן עס זענען נישטאָ קיין קלאַסן, איז די אויפגאַבע פונעם שרײַבער, פונעם קינסטלער אַן אַנדערע. נישט נייטראַליזירן דאָס פאָלק, נאָר אַקטיוויזירן עס, באַקענען עס מיט אַלע ווינקעלעך און פּראָבלעמען פונעם לעבן, אָנרעגן זײַנע שעפעריש אינסטינקטן, מאַכן עס פאַר אַן אַקטיוון מיטבויער פונעם לעבן, צוגרייטן עס אָנטיילצונעמען אינעם פּאָליטישן און במילא פאַרוואַלטערישן לעבן פונעם לאַנד.

דער שרײַבער דאַרף נישט טיילן קיין מאָרפיום, נאָר דערציִען, לערנען דעם מענטשן, איבערבויען די מענטשלעכע נשמה, ווי עס האָט שוין אַ מאָל פאַר אים דער געניאַלער מאַקסים גאָרקי אָנגעצייכנט אַ וועג.

און דערפאַר, ווען מיר רעדן וועגן פרײַהייט פון שאַפן, איז דאָס נאָר מעגלעך אין אַ לאַנד פון אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט, ווו דער שרײַבער האָט די אַבסאָלוטע פרײַהייט ,מעגלעכקייט און באַדינגונגען פרײַ צו אַנטוויקלען זײַן קינסטלערישע שעפערישקייט און ווו עס איז אים נאָר פאַרבאָטן צו פּאַראַזיטעווען מיט זײַן טאַלאַנט, ווו עס איז אים פאַרבאָטן צו פאַרפינצטערן די מענטשלעכע פאַנטאַזיע ,אָנשטאָט זי צו מאַכן קלאָר.

## איבער די גאַסן פון וואַרשע

נאָך סטאַלינגראַד איז וואַרשע, דאַכט זיך, די צום מייסטן צעשטערט־געוואָרענע שטאָט אין אייראָפּע .

„דער פירער — זאָגט זיך אין אַ געפונענעם דאָקומענט צו דעם מולטימערדער פראַנק — האָט מער נישט קיין אינטערעס, אַז וואַרשע זאָל פאַרבלײַבן ווי אַ שטאָט".

און די נאַציִשע אָקופּאַנטן האָבן זיך פאַרנומען אויסצופירן דעם פירערס „ווונטש", נישט לאָזנדיק קיין איין גאַנצע געבײַדע אין גאַנץ וואַרשע.

נישט בלויז די הײַזער, נאָר אויך די וואַסער־לייטונג, די ליכט־אײַנריכטונגען ,דעם גאַז און קאַנאַליזאַציע פון וואַסער־אָפּפלוס האָבן זיי אויפגעריסן, צעשטערט אין דער גאַנצער שטאָט .

דרײַ מאָל האָט וואַרשע געליטן פון גרויסע צעשטערונגס־אַקציעס.

דאָס ערשטע מאָל, באַלד אין סעפּטעמבער 1939 ,ווען די נאַציִשע באָמבאַרדירערס האָבן אין דער פוריע פון זייער בליצקריג אַראָפּגעשליידערט טויזנטער טאָן באָמבעס אויף פּוילנס הויפּטשטאָט.

דאָס צווייטע מאָל — נאָכן אויפשטאַנד אין געטאָ. די פאַראָרדענונג איז געווען נישט איבערצולאָזן קיין איין הויז אין דער גאַנצער געגנט פון געטאָ, ווו עס האָבן אין אָנפאַנג אָקופּאַציע געלעבט אַ האַלבער מיליאָן ייִדן.

דאָס דריטע מאָל איז געווען ערב דער באַפרײַונג. נאָך דעם טרויעריק באַרימטן באָר־אויפשטאַנד האָבן די נאַציס פאַרענדיקט די פולשטענדיקע רויִנירונג פון דער שטאָט.

„ווען די פּוילישע רעגירונג — האָט מיר שפּעטער דערקלערט דער פאָרזיצער פון וואַרשעווער שטאָטראַט, אַלברעכט — איז אַרײַנגעקומען קיין וואַרשע, באַלד נאָך דער באַפרײַונג, איז געשטאַנען די פראַגע צי מען זאָל וואַרשע צוריק אויפבויען, אָדער אויסקלײַבן אַן אַנדער שטאָט פאַר דער הויפּטשטאָט".

„נישט בלויז איז נישט געווען קיין גאַנצע געבײַדע ווו אײַנצואָרדענען די רעגירונג, נאָר אין וואַרשע האָבן זיך נישט געפונען מער ווי די הונדערט און פופציק טויזנט מענטשן וואָס האָבן געוווינט אין פראַגע. פון דער זײַט ווײַסל האָט קיינער נישט געוווינט".

„די געוואַלדיקע ליבשאַפט און צוגעבונדנקייט פונעם פּוילישן פאָלק צו זײַן הויפּטשטאָט האָט אונדז דיקטירט אָנצונעמען אַ באַשלוס אַז וואַרשע מוז צוריק אויפגעבויט ווערן".

און וואַרשע ווערט צוריק אויפגעבויט.

הונדערטער און הונדערטער ריזיקע הײַזערבלאָקן קענט איר טרעפן זיך בויענדיקע אין וואַרשע. גאַנצע גאַסן הייבט מען אָן און מען ענדיקט. די טעמפּאָ, מיט וועלכער ס'בויט זיך וואַרשע, איבערראַשט יעדן איינעם. פון מײַן ערשטן זײַן אין וואַרשע בײַם אָנקומען, ביז מײַן צוריקקומען, די לעצטע טעג פאַרן אָוועקפאָרן, האָב איך באַמערקט געוואַלדיקע ענדערונגען.

פאַראַן אַלטע טראַדיציאָנעלע גאַסן, ווי די „נייע וועלט", די „קראָקאָווער פאָרשטאָט", די „אַלטשטאָט", געוואָרן צוריק אויפגעבויט אַזוי ווי זיי האָבן אויסגעזען פאַר דער מלחמה, מיט די זעלבע פּאַסאַדעס, דער זעלבער הייך, די זעלבע וואַנטקאָלירן.

די אַנדערע גאַסן ווערן געבויט שענער, ברייטער, מיט מער גרינס, אַלץ אין דער קלאַסישער פּוילישער אַרכיטעקטור, אָבער שוין אָן הויפן, נאָר גרויסע פינף און זעקס און זיבן שטאָקיקע אַפּאַרטאַמענט־בלאָקן, מיט אַ סך פרײַע דיסטאַנץ צווישן איינעם און דעם אַנדערן.

דער פּאַלאַץ פאַר קולטור און בילדונג איז דער וווּנדער און שטאָלץ פונעם גאַנצן פאָלק.

דאָס איז אַ ריזיקער פּאַלאַץ פון צוויי הונדערט און זעכציק מעטער די הייך. ער שטייט אויף אַ פּלאַץ פון זיבן הונדערט מעטער די ברייט אין צענטער פון שטאָט. אין אים וועלן זיין קאָנצענטרירט די הויפּטצענטערס פאַר קולטור און בילדונג.

דער דאָזיקער פּאַלאַץ ,איז אַ געשאַנק פונעם ראַטן־פאַרבאַנד, פאַר פוילנס הויפּטשטאָט. אַלע מאַטעריאַלן פּונקט ווי די אַרבעטערס און טעכניקערס זענען געשיקט געוואָרן פונעם ראַטן־פאַרבאַנד.

ווארשע ווערט געבויט לויט אַ פּלאַן. די שטאָט וועט פאַרטיק ווערן אין 1960.

דערווייל ציילט ווארשע בלויז אַ האַלבן מיליאָן איינוואוינערס. ביז 1965 דאַרף זי האָבן באַקוועמע דירות אויפצונעמען צוויי מיליאָן מענטשן.

גייענדיק איבער די גאַסן פון ווארשע, האָט מיך, פאַרשטייט זיך, געצויגן צו דער ייִדישער געגנט, אָדער בעסער געזאָגט צו דעם אָרט ווו עס איז אַ מאָל געווען די ייִדישע געגנט.

איך האָב זיך ארומגעדרייט איבער דעם ליידיקן פּלאַץ ווו עס זענען אַ מאָל געווען גאַסן, ווו עס זענען אַ מאָל געשטאַנען הייזער, ייִדישע געשעפטן און בעל־מלאכהשע ווארשטאַטן, נאַלעווקעס, גענשע, פראַנצישקאַנער, דזשיקע. קיין זכר אפילו נישט.

„איצט איז שוין גאָרנישט — זאָגט מיר מיין באַגלייטער — עס איז שוין כאָטש רייז, מען הייבט שוין אָן צוריק אויפצובויען. אין פינף־זעקס און פערציקסטן יאָר, האָט מען אפילו נאָענט נישט געקענט צוגיין. בערג מיט גרוז און שלעכטע ריחות האָבן זיך פון דאָרט געטראָגן".

דאָ האָט אַ מאָל געשפּרודלט מיט ייִדיש לעבן, מיט ייִדישע סוחרים ,מיט ייִדישע טרעגערס, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם ענדעקישן כוליגאַניזם, מיט ייִדישע אַרבעטערס און אָנגעשטעלטע, מיט מאַרקהענדלערס און בעל־מלאכות, מיט מעקלערס און בייגל־פאַרקויפערס.

איצט איז פון זיי קיין שריד ופליט נישט פאַרבליבן.

איך גיי איבער די סטעזשקעס ווו עס זענען אַ מאָל געווען גאַסן .מיין פריינד לימאַנאַד, פירט מיך צו צו אַ חורבה ווו מען זעט אַן אַריינגאַנג צו אַן אונטערשטן טונעל: „דאָ איז געווען דער בונקער ווו עס האָט געאַרבעט דער גענעראַל־שטאַב פון געטאָ. און דאָ זענען זיי אומגעקומען: אַניעלעוויטש און זיינע חברים".

איך האָב באַזוכט דעם אומשלאַג־פּלאַץ ,פון וועלכן די נאַציס האָבן אַוועקגעפירט הונדערטער טויזנטער ייִדן צו די קרעמאַטאָריעס, געזען די אַמאָליקע מיליטערישע טורמע, פון וועלכער עס איז נאָך שטיין געבליבן אַ וואַנט, די איינציקע שטיין געבליבענע וואַנט אין געטאָ.

קעגנאיבער דעם נייעם בנין פונעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, אויף טלאָמאַצקע 5, זע איך דעם פּלאַץ ווו עס איז אַ מאָל געשטאַנען די באַרימטע ווארשעווער סינאַגאָגע. זי איז געווען די לעצטע אויפגעריסן צו ווערן. מיטן אויפרייסן די סינאַגאָגע, האָט פראַנק באַריכטעט היטלערן אַז די פאַרניכטונגס־אַקציע אין געטאָ איז פאַרענדיקט.

איך קום צו צום דענקמאָל פאַר די גבורים פון אויפשטאַנד.

איך שטיי פאַר דער דאָזיקער שטיינערנער וואַנט. קוק זיך איין אין די בראָנדזענע פיגורן, וואָס זענען איינגעפּרעסט אינעם גראַניט; יעדע פיגור —אַ שאַרפער פּראָטעסט, אַ געשריי קעגן אומרעכט און פאַרברעכן; יעדער מוסקול — ווי לעבעדיק, אָנגעצויגן צום קאַמף.

די שאַרפקייט אינעם אויסדרוק פון זייערע פּנימער דערמאָנט אין זייער אַנטשלאָסנקייט נישט צו לאָזן זיך אויסשחטן ווי די קעלבער, נאָר צו קעמפן, צו קעמפן און שטאַרבן ווי מענטשן, אויב עס איז מער נישט מעגלעך צו לעבן ווי מענטשן.

אויף דער הינטערשטער וואַנט פונעם דענקמאָל קומט צום אויסדרוק די טראַגעדיע: ליידן ,שרעק, פּיין, ייִדן געטריבענע צום טויט. פון פאָרנט — גבורה, פון הינטן — אומקום. ביי דער זייט פון דענקמאָל שטייען צוויי מנורות. אין די טעג פון דערמאָנונג ווערן די מנורות אָנגעצונדן און דער גאַנצער דענקמאָל ווערט באַלויכטן.

איך שטיי. איך קוק אויף די מענטשן פון בראָנדז, אויף די בלאָקן פון שטיין. פון דעם גראַניט האָט היטלער, ימח שמו, זיך געוואָלט אויפשטעלן אַ פּאַראַד־טויער אין בערלין. איצט איז דאָס אַ מאָנומענט פאַר מענטשן וואָס האָבן אין זייער שוואַכקייט אַזוי פיל גבורה באַוויזן, פאַר מענטשן וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן אויף אייביק צו פאַרווישן די שפּורן פון רשעות אויף דער ערד.

ווי וואָלט איך אין יענעם מאָמענט געוואָלט געפינען נאָענט צו מיר איינעם פון די אַזוי גערופענע „ייִדישע פירער", וואָס גרויסן זיך מיט זייער שתדלנות ביים רייכסקאַנצלער אַדענאַוער „ירום הודו", און וואָס פרייען זיך מיט זייערע ריזיקע דיפּלאָמאַטישע דערגרייכונגען אַז באַלד — און זיי וועלן קענען איינשטעלן נאָרמאַלע באַציִונגען (אָדער שותפות) מיט די באַפרייערס פון אילזע קאָך, פּריטשע, פאָן מאַנשטיין און זייער גלייכן.

ווי וואָלט איך וועלן זען ווי זייערע פּנימער ווערן פאַרקרימט פון חרפה, ווייטיק און חרטה אין אָנבליק פון די דאָזיקע גבורים, וואָס שטייען דאָ ווי אַן אייביקע דערמאָנונג און וואָרענונג צו דער וועלט. און ווער ווייסט, אפשר זענען זיי שוין פון זייער נאָענטקייט צו די „באַהערדן פון באָן" אַזוי פאַרשטיינערט געוואָרן, אַז זיי וואָלטן זיך מיט גלייכגילטיקייט צי גאָר מיט ווידערווילן אַוועקגעדרייט פונעם דאָזיקן דענקמאָל.

לאַנג בין איך נאָך געשטאַנען ביים מאָנומענט און פון דאָרט אַוועק צום ייִדישן בית־עולם.

אַ קוריאָז. די איינציקע ייִדישע זאַך וואָס האָט זיך גערעטעוועט אין ווארשע, איז דער בית־עולם.

איך האָב באַזוכט די קברים פון אסתר־רחל קאַמינסקי, פון איטשע־מאיר וויַיסענבערג, פון נאָמבערג, פון גרשון דוא, פון פאַרשידענע גרופּעס פּאַרטיזאַנערס, וועלכע מען האָט שוין נאָך דער מלחמה געברענגט פון די וועלדער און זיי מקבר געווען אויפן ייִדישן בית־עולם. דערנאָך בין איך געשטאַנען ביי דעם גרעסטן קבר פון ייִדישן ווארשע, ביי דעם קבר פון יצחק־לייבוש פּרץ, ביי וועמענס זייטן עס ליגן זיינע נאָענטסטע חברים: אַנסקי און דינעזאָן.

און אַ מאָדנער געפיל האָט מיך ארומגענומען אין יענעם מאָמענט, אַ געפיל פון וועלכן איך קען זיך ביז היינט נישט באַפרייען.

נאָך אזוי פיל חורבן, האָב איך ערשט ארויסקומענדיק אויפן בית־עולם דערפילט א פארלײַכטערונג, מען קען אפשר זאָגן א ביסעלע פרייד, וואָס כאָטש עפּעס איז געבליבן שטיין פונעם אַמאָליקן יידישן ווארשע.

איך האָב נאָך באַזוכט די ציטאַדעל, וואָס איז הײַנט פאַרוואנדלט געוואָרן אין א מוזיי און דענקמאָל פאַר די וואָס זענען דאָרט אומגעקומען, סײַ אין די צײַטן פון דער צארישער הערשאַפט, סײַ אין די צײַטן פון דער פוילישער סאַנאַציע.

ניט וועלנדיק בלײַבן אונטער דעם דערשיטערנדיקן אײַנדרוק פון אזוי פיל חורבן, בין איך אוועק עפּעס זען און הערן וועגן דעם נײַעם יידישן ווארשע.

אין דער רעדאַקציע פון דער „פאָלקס־שטימע" האָט מיך אויפגענומען דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג, הערש סמאָליאַר, און די מיטאַרבעטערס פישגרונד, קאַרמאַן, איוואַן, ניעזשינסקי און דער ליבלינג־פּאָעט פון דער מאָדערנער יידישער דיכטונג, בינעם העלער. לאַנג האָבן מיר געשמועסט וועגן יידישן קולטור־לעבן אין פוילן. זיי האָבן זייער א סך געוואָלט וויסן וועגן יידישן לעבן אין בראזיל.

אויסער דער „פאָלקס־שטימע" דערשײַנט די מאָנאַטלעכע ליטעראַרישע אויסגאַבע „יידישע שריפטן".

אינעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד, וואָס איז די צענטראַלע יידישע אינסטיטוציע אין פוילן און וואָס פאַרמאָגט אָפּטײלונגען אין פיר און צוואַנציק שטעט, האָב איך זיך געטראָפן מיט דעם פאַרזיצער, ח' דוויד ספארד ,א נידעריק באַברילטער יונגערמאַן מיט א קלוגן אויסזען. ער, ווי די אַנדערע מיטגלידער פון פּרעזידיום, האָבן זיך דערפרייט צו האָבן בײַ זיך א גאַסט פון בראַזיל, און מיט געוואָלדיקער פאַראינטערעסירונג אויסגעפרעגט אויף אונדזער לעבן און קולטור־ארבעט דאָ.

דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד באַדינט דאָס גאַנצע יידישע קולטור־לעבן אין פוילן. אויסער די פיר און צוואַנציק אָפּטײלונגען זײַנע ,געפינען זיך נאָך אין א גאַנצער ריי שטעט און שטעטלעך פאַרשידענע קלובן, לייענקרײַזן, קולטור־גרופּעס, אָפט מאָל נישט מער ווי די פינף אָדער צען מיטגלידער, און דער פאַרבאַנד מוז זיי באַדינען מיט רעדנערס, קינסטלערס, אינפאָרמאַטאָרן.

דאָס יידישע מלוכה־טעאַטער אונטער דער קינסטלערישער לייטונג פון אידאַ קאַמינסקי איז פון א גאָר הויכער טעאַטער־מדרגה און אויסער אים געפינען זיך נאָך איבערן לאַנד 32 קרײַזן פאַר קינסטלערישער טעטיקייט, טייל פון זיי פון א גאָר באַדײַטנדיקן ניוואָ.

דער שטשעטשינער יידישער כאָר האָט אויפן לאַנד־פעסטיוואַל, וווּ עס האָבן אָנטיילגענומען יידישע און פוילישע כאָרן, געוווּנען דעם ערשטן פּרײַז.

אין פוילן עקסיסטירן יידישע שולן מיט יידיש אַלס אונטער־ריכט־שפּראַך און סעמינאַר־קורסן פאַר יידישע לערערס.

דער פאַרלאַג „יידיש־בוך", אונטער דער טעכנישער לייטונג פונעם אונטערנעמונגס־פעיקן ח' ליכטנשטיין, איז פון די אַקטיווסטע אויפן געביט פון יידישער ביכער־פּראָדוקציע אין דער וועלט. 32 ביכער האָט דער פאַרלאַג ארויסגעגעבן בלויז דעם פאַרגאַנגענעם יאָר און אַלע פון זיי אין אריבער פינף טויזנט עקזעמפּלאַרן.

מען טרעפט יידישע שולן און בתי־מדרשים, שוחטים און רבנים, קינדערהײַמען און זקנים־הייזער. עס ווירבלט מיט אַן אַקטיוו יידיש לעבן.

„און פון טאָג צו טאָג — פאַרזיכערט מיר הערש סמאָליאַר — ווערט שטאַרקער אונדזער יידיש קולטור־לעבן".

„וואָלטן מיר נאָר בײַ די איצטיקע באַדינגונגען געהאַט דעם אַמאָליקן יידישן יישוב, וואָלט אונדזער לעבן גאַנץ אַנדערש אויסגעזען".

„דער אײנציקער מינוס אין אונדזער לעבן איז דאָס וואָס פונעם אַמאָליקן דרײַמיליאָניקן יישוב האָבן מיר איצט נישט מער ווי הונדערט טויזנט".

און איך האָב געפילט אַז דער איצטיקער, כאָטש קלײנער יישוב אין פוילן, האָט אַלע באַדינגונגען, מעגלעכקייטן און דער עיקר א שטאַרקן דראַנג צו פאַרבלײַבן אינעם נײַעם לעבן אין פוילן דער ווירדיקער יורש פונעם אַמאָליקן פוילישן יידנטום.



י. לאַזעבניק (וואַרשע)

# דאָס ייִדישע מלוכה־טעאַטער און פאָלקס־פּוילן

צו דער צעניאָריקער עקסיסטענץ פון אונדזער הײמלאַנד, צום גרויסן באַלאַנס פון די היסטאָרישע דערגרייכונגען פון די פאָלקס־מאַסן אויף אַלע געביטן פון עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכן, געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן אויפשטײַג פון אונדזער לאַנד — קומט אויך דאָס ייִדישע מלוכה־טעאַטער מיט זײַנע ערנסטע און וואָגיקע קינסטלערישע און אידייִשע דערגרייכונגען.

מיר זאָגן „אויך" נישט צופעליק. די ייִדישע פּראָגרעסיווע קולטור, ווי די גאַנצע פּאָליטישע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פאָלקס־פּוילן, איז אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון טיפע רעוואָלוציאָנערע איבערגעשטאַלטונגען אויף די פאַרשידנסטע עטאַפּן פון דער אַנטוויקלונג פון לאַנד און איז מיט זיי פאַרוואָרצלט און באַהאַפטן .

דער שוווּנג און וווּקס פון ייִדישן מלוכה־טעאַטער איז מעגלעך געוואָרן דורך די באַדינגונגען וועלכע אונדזער סאָציאַליסטיש הײמלאַנד האָט געשאַפן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער קולטור בכלל, פאַר דעם קולטורעלן אויפשטײַג פון די ברייטסטע פאָלקסמאַסן.

דער געזעלשאַפטלעכער קלימאַט בײַ אונדז אין לאַנד, וואָס באַגינסטיקט דעם באַרגאַרויף פון דער געזונטער און שעפערישער איניציאַטיוו פון יעטוועדן קינסטלער, האָט אויך געשאַפן אַ זייער וואַרעמע אַטמאָספער פאַר אונדזער טעאַטער, האָט דעצידירט אין דער וויכטיקסטער מאָס וועגן זײַן דערפאָלג און אַנטוויקלונג .דאָס ייִדישע מלוכה־טעאַטער איז אַ קינד פון נײַעם פאָלקס־פּוילן, און ווי אַזאַ — ווערט עס אַרומגערינגלט מיט ליבע און צוטרוי; מיט אַכטונג און אָנערקענונג מצד דעם ייִדישן אַרבעטסמענטש, מצד דער פּוילישער געזעלשאַפט, מצד דער גאַנצער אָרגאַניזירטער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט.

דאָס ייִדישע מלוכה־טעאַטער אונטער דער קינסטלערישער אָנפירונג פון דער גרויסער בינעקינסטלערין אידאַ קאַמינסקאַ האָט באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן צוגעטראָגן אַ גרויסן בײַשטײַער צו דער אַנטוויקלונג פון דער טעאַטער־קונסט בײַ אונדז אין לאַנד.

נישטאָ הײַנט אין דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט נאָך אַזאַ ייִדיש טעאַטער, ווי אונדזער טעאַטער אין אונדזער פאָלקס־פּוילן. יעדער ייִדישער אַרבעטסמענטש איז שטאָלץ מיט אונדזער טעאַטער, האָט צו אים אַ נאָענטע, אינטימע באַציִונג און באַטראַכט עס מיט רעכט פאַר זײַן טעאַטער.

די פּאָזיציע וואָס ס'האָט דערגרייכט הײַנט צו טאָג דאָס ייִדישע מלוכה־טעאַטער איז נישט אָנגעקומען אַזוי לײַכט און איין־פאַך. אויך אויף דעם אָפּשניט ,ווי אויף איינעם פון די וויכטיקסטע אינסטרומענטן פאַרן באַווירקן און געשטאַלטיקן דעם באַוווּסטזײַן צום עסטעטישן געשמאַק פון מאַסנמענטש האָבן געלויערט אונדזערע שונאים. אויך דאָ איז פאָרגעקומען אַ פאַרביסענער, געזעלשאַפטלעך־אידעאָלאָגישער קאַמף מיט דער ייִדישער רעאַקציע, וועלכע האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטלען און מעטאָדן, בכדי צו צעזעצן און צעשטערן דאָס ייִדישע טעאַטער, יעדן טעאַטער־קאָלעקטיוו, נישט דערלאָזן צו קיין שום אײַנגעזעסנקייט און סטאַבילקייט. דער דאָזיקער שווערער קאַמף האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ מפּלה פאַר אַלע שונאים פון דער ייִדישער פּראָגרעסיווער קולטור אין פאָלקס־פּוילן. אויף צעפּיקעניש די לעשטשינסקיס, גלאַטשטיינס, צייטלינס און ראַפּאַפּאָרטס און זייערע אַמעריקאַנער ברויטגעבערס לעבט און וואַקסט אונדזער ייִדיש מלוכה־טעאַטער אין פאָלקס־פּוילן און נישט איינער פון די אַרויסגעפאָרענע ייִדישע אַקטיאָרן חלומט הײַנט אין די פאַרוואָרפנסטע געסלעך פון תּל־אָביב צי בוענאָס־אײַרעס, בראַזיל אָדער ניו־יאָרק וועגן אַן אַרבעטס־פּלאַץ און ברויט צו דער זעט, באַדויערט זיך אַליין און בענקט נאָך זײַן פּויליש הײמלאַנד, נאָך די ברעטער פון דער ייִדישער טעאַטער־בינע אין פּוילן.

מיטן מאָמענט פון פאַרמלוכישן (אין יאַנואַר 1950) האָט דאָס ייִדישע טעאַטער ענדגילטיק ליקווידירט זײַן ספּעציפישע שווערע לאַגע, וועלכע האָט אים באַגלייט זינט זײַן אַנטשטייונג און איז אַרײַנגעטראָטן אין אַ קוואַליטאַטיוו נײַעם און העכערן פּעריאָד אין זײַן טעטיקייט, און באַקומען די פולע רעכט און די מעגלעכקייט צו דערפילן זײַן קולטור־דערציִערישע ראָלע צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג צו גלײַך מיט אַלע טעאַטערס בײַ אונדז אין לאַנד.

דערמיט איז דערהויבן געוואָרן די געזעלשאַפטלעכע מיסיע און פונקציע פון ייִדישן אַקטיאָר, וועלכער איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַפרײַט געוואָרן פון די שווערע דאגות־פּרנסה, בכדי צו קאָנען זיך אין גאַנצן אָפּגעבן זײַן הויכן קינסטלערישן באַרוף .

אונדזער ייִדיש מלוכה־טעאַטער איז קודם כּל אַן אידייִש טעאַטער, וואָס האָט איבערגעריסן מיט אַלע אַלטע און פאַרעלטערטע, שלעכטע און אָפּגעשטאַנענע טראַדיציעס, קאָנטינויִרנדיק די גוטע, קינסטלעריש־דערהויבענע, און שאַפנדיק נײַע טראַדיציעס אין פאָלקס־דעמאָקראַטישן פּוילן. אין קיין שום צײַטן איז קיין איין ייִדיש טעאַטער אין פּוילן נישט אומשטאַנד געווען אַזוי טיף און אַזוי ערנסט, גרינטלעך, אַלזײַטיק און אחריותפול צו באַהאַנדלען, צוגרייטן און אויספירן יעדע פאָרשטעלונג. די זאָרג פאַר קינסטלערישער שלימות און הויכן רעזשיסערישן ניוואָ, ציל־געוואונדערטע אײַנצעניזאַציע זעלטענע קאָלעקטיווע און אינדיווידועלע אַקטיאָרישע שפּיל אין יעדער פאָרשטעלונג און איר ווירקונגסקראַפט אויף דעם צושויער — האָבן געהאָלפן שאַפן דעם ייִדישע מלוכה־טעאַטער אָנזען אינעם טעאַטער־וועזן בײַ אונדז אין לאַנד, די ליבע און צוגעבונדנקייט צו אים מצד דער ייִדישער באַפעלקערונג.

א זייער כאַראַקטעריסטישער שטריך אין דער באַציִונג צום טעאַטער און זײַן שטײַגנדיקער אויסווירקונג אויפֿן צושויער איז דער פֿאַקט, וואָס יעדער דורכשניטלעכער ייִדישער אַרבעטסמענטש און טעאַטער־באַזוכער איז אימשטאַנד אויסצורעכענען כמעט אַלע פֿאַרשטעלונגען און דעם גאַנצן רעפּערטואַר, וואָס איז ביז איצט געשפּילט געוואָרן. פֿיל פֿאָלקסלידער פֿון אַ ריי אויפֿפֿירונגען ווערן געזונגען דורך דעם ייִדישן פֿאָלקסמענטש בײַ דער אַרבעט און אין שטוב. אַזוי צום בײַשפּיל איז די פֿאָרשטעלונג „אַ גאָלדפֿאַדען־חלום" געשפּילט געוואָרן 150 מאָל און זי געהערט צום אײַזערנעם רעפּערטואַר־פֿאָנד פֿונעם טעאַטער .

די רעפּערטואַר־ליניע פֿון ייִדישן מלוכה־טעאַטער נעמט אַרום פֿאַרשידנאַרטיקע אויפֿפֿירונגען: דראַמע, קאָמעדיע, מוזיקאַלישע קאָמעדיע, פֿאָלקסשפּיל און לעצטנס אויך קליינקונסט־פּראָגראַם פֿון ייִדישער, פּוילישער און אַלגעמיינער טעמאַטיק. פֿון ייִדישן רעפּערטואַר גייען אויפֿן ערשטן אָרט גאָלדפֿאַדען, י. גאָרדין, שלום עליכם, י. ל. פּרץ, פּרץ הירשביין און אַנדערע. צו די אורפֿרעמיערעס פֿון אונדזערע הײַנטצײַטיקע ייִדישע שרײַבערס געהערן: שלמה דיאַמאַנדס „אַ ווינטערנאַכט", ה. סלאָוועס „המנס־מפּלה", ה. סמאָליאַרס „אַ פּשוטער זעלנער", ב. העלערס „אַ שטוב אין געטאָ". אַ באַדײַטנדיק אָרט פֿאַרנעמט אינעם רעפּערטואַר די רוסישע קלאַסיק און די הײַנטצײַטיקע סאָוועטישע דראַמאַטורגיע: אָסטראָווסקי, גאָרקי, פּאָפּאָוו („פֿאַמיליע"), רובינשטיין („קעגנזײַטיקע ליבע"), ווישניעווסקי („אָפּטימיסטישע טראַגעדיע"), און אַנדערע. אַ זייער געלונגענער פּרווו איז דאָס צואייגענען דעם ייִדישן טעאַטער שאַפֿונגען פֿון דער פּוילישער קלאַסיק און הײַנטצײַטיקער פּוילישער דראַמאַטורגיע: אַלעקסאַנדער פֿרעדראָס „פֿאַן יאָוויאַלסקי" און עליזאַ אָזשעשקאָוואַס „מאיר יעזעפֿאָוויטש". די לעצטע פֿאָרשטעלונג איז מיט איר כאַראַקטער און פֿאַרנעם אַ וויכטיקע געשעעניש אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער טעאַטער־קונסט בײַ אונדז אין לאַנד און בילדעט איינעם פֿון די העכסטע שטאַפּלען אין דער קינסטלערישער אַנטוויקלונג פֿון ייִדישן מלוכה־טעאַטער. גלײַכצײַטיק דינט דאָס ווי אַ באַווײַז פֿון די קאָלאָסאַל־ברייטע און אויסגעוואַקסענע מעגלעכקייטן צו געבן וואָס ווײַטער אַלץ מער פֿילווערטיקע, אײַדייִש צילגעווענדעטע ספּעקטאַקלען אויף אַ כסדר שטײַגנדיקן קינסטלערישן ניוואָ. די טיפֿע מענטשלעכע דראַמע „יוליוס און עטל" פֿון לעאָן קרוטשקאָווסקי אין דער אויספֿירונג פֿון ייִדישן מלוכה־טעאַטער איז אַ ווײַטערדיקער רינג אין דער אַנטוויקלונג פֿון טעאַטער און פֿון זײַן רײַכן רעפּערטואַר. מיט גרויס צופֿרידנקייט איז אויפֿגענומען געוואָרן דער ערשטער רעווי־פּראָגראַם „צו זינגען און צו זאָגן" און נאָך מיט אַ גרעסערן דערפֿאָלג גייט איצט דער צווייטער פּראָגראַם א"נ „די באָבע דערציילט", וועלכער שטיצט זיך אויף דעם הומאָר און סאַטירע פֿון אונדזערע קלאַסיקערס.

די געזעלשאַפֿטלעכע ראָלע פֿון ייִדישן מלוכה־טעאַטער איז באַדײַטנדיק אויסגעוואַקסן. דאָס טעאַטער איז געוואָרן אַן ערנסטער קולטור־דערציִערישער פֿאַקטאָר, וועלכער הייבט אויף דעם קולטור־ניוואָ פֿון ייִדישן אַרבעטסמענטש און געשטאַלטיקט זײַן עסטעטישן געשמאַק.

דאָס באַפֿרײַען זיך פֿון די אידעאָלאָגיש־פֿרעמדע עלעמענטן האָט געשאַפֿן דעם באָדן פֿאַר דער צעמענטירונג און קאָנסאָלידאַציע פֿון גאַנצן טעאַטער־קאָלעקטיוו, פֿאַר זײַן שעפֿערישן וווּקס און קינסטלערישער אויסלעבונג.

דער ייִדישער אַקטיאָר איז אַרומגערינגלט מיט אַכטונג און אָנערקענונג מצד דעם ייִדישן (און נישט נאָר ייִדישן) עולם. די דאָזיקע וואַרעמע, אינטימע באַציִונג מצד דער אַרבעטנדיקער געזעלשאַפֿטלעכקייט צום גאַנצן טעאַטער־קאָלעקטיוו העלפֿט דעם טעאַטער אײַנצוהאַלטן און פֿאַרפֿעסטיקן דעם וועג צו אַלץ נײַע דערגרייכונגען.



ביינעם העלער (ווארשע)

# צו די פּוילישע יידן אין אַמעריקע



אין אײַערע רוישיקע ריזיקע שטעט
זאָל שווײַגן אַ ווײַל דאָס געדודער:
איך וויל, אַז דערהערן זאָלט איר, ווי עס רעדט
אַ פּוילישער ייִד און — אַ ברודער!

נישטאָ צווישן אונדז קיין שום אײַזערנע וואַנט,
קיין שטח, וואָס טיילט אונדז פונאַנדער.
זאָל טרעפן צום האַרצן און צום ריינעם פאַרשטאַנד —
מײַן וואָרט אין אַלאַרם־רוף פאַרוואַנדלט.

נישט איינער פון אײַך זײַן יניקה נאָך ציט
פון פּוילישן וואַלד און זײַן שאָטן —
אַ פּוילישער ייִד בלײַבט אַ פּוילישער ייִד,
ביז וואַנען ס'וועט סטײַען אים אָטעם.

צו אײַערע שטובן אין ווײַטן ניו־יאָרק
פלעגט גרייכן דער בריוו פון אַ מאַמען.
די פּשוטע שפּראַך פון איר ליבשאַפט און זאָרג
האָט איבערגעשריִען די ימען. —

איך רעד צו אײַך, ווי אַ פּוילישער ייִד,
וואָס איז ערשט אַרויס פונעם פײַער.
דאָס אָרט אינעם לאַנד פון מײַן עבר איך היט —
די פּוילישע ערד איז מיר טײַער.

מיר זענען אין צאָל נישט געבליבן קיין סך,
נאָר איך האָב די רעכט צו דערמאָנען.
און הערן מוז אַלץ נאָך די וועלט אין מײַן שפּראַך —
די שטים פון דערשטיקטע מיליאָנען.

פאַרנעמט זייער שטים איבער יענער זײַט ים,
ווי פּוילישע ייִדן, ווי ברידער!
די מערדער, וואָס האָבן אונדז נעכטן געסמט —
די מערדער באַוואָפנט מען ווידער!

און נישט קענן אונדז בלויז זיי ווערן געגרייט —
אויך אײַערע איז די סכנה.
מיליאָנען פון ניו־יאָרק, פאַרנעמט איצט די רייד
פון פּוילנס פאַרברענטע מיליאָנען!





מאַניפעסטאַציע צום געטאָ מאָנומענט, וואַרשע 1948



י. לאזעבניק, פאָרשטייער פון צ״ק פון די ייִדן אין פוילן, האַלט אַ רעדע בײַם געטאָ־מאָנומענט אין וואַרשע (יאָר 1948)



דעלעגאַציע פון דער „פעדעראַציע פון יידישע לאַנדסלייט־פאַראיינען אין אַרגענטינע" און פון „לאַנדסלייט־פאַריין פון װאַרשע און אומגעגנט", לייגט אַ קראַנץ בלומען ביים מאָנומענט פון די העלדן פון װאַרשעװער געטאָ.



צום מאָנומענט



די מאַסע בײַם פײַערן דעם 5טן אַפּריל, וואַרשע 1948



אַ רעליגיעזע תּפֿילה בײַם מאָנומענט פֿון די געטאָ־העלדן אין וואַרשע, יי 1948

# הויכע מלוכה־אויסצייכענונגען פאַר יידישע קולטור־טוערס אין פאָלקס־פוילן



**יעקב ראָטבוים**
רעזשיסער
מלוכה פרעמיע פון דער
3טער שטופע



**קלמן גלעב**
קינסטלער
מלוכה פרעמיע פון דער
3טער שטופע



**בינעם העלער**
פאָעט
קאַוואַלערן־קרייץ פון אָרדן
„אָדראָדזעניע פּאָלסקי"



**אברהם קוואַטערקאָ**
זשורנאַליסט
זילבערנער פאַרדינסטקרייץ



**נתן מייסלער**
אַרטיסט
גאָלדענער פאַרדינסטקרייץ

# אַקטיאָרן פון מלוכישן ייִדישן טעאַטער אין פאָלקס־פּוילן



אין אַנדריי אוספּיענקיס קאָמעדיע: „דריי פרײַנד".
פון רעכטס: י. גרודבערג, ל. סטאָלאַרסקאַ, נ. מײַסלער.



אידאַ קאַמינסקאַ
אַלס מאַריאַ אוליאַנאָוואַ.



סצענע פון צווייטן אַקט „מײַן זון" פון סאַנדאָר גערגעלים
פון רעכטס: ח. בוזגאַן, ר. שילער, א. קאַמינסקאַ.



אַ בליק אויף אַ רעזידענץ־געגנט אין װאַרשע.



אַ בליק אויף דער מאַרשאַלקאָװסקע



אַלגעמײנער בליק אויף אײנעם פון די נײַע
רעזידענץ־געגנט אין װאַרשע.



מאָדערנע הײַזער־בלאָקן אין נײַעם װאַרשע




די דאָזיקע חורבות זענען שוין
אין אַ גרויסער מאָס ווידער־
אויפגעבויט געוואָרן.



וואַרשע, אַ בליק אויף דער
אַרטעריע (טראַסע) מזרח־מערב.

# אויסצוגן פון פוילישן באפרייונג - מאניפעסט פון 22טן יולי 1944

דער נאציאנאלער לאנדראט איז דער צייטווייליקער פארלאמענט. דער פוילישער נאציאנאלער באפרייונגס־קאמיטעט איז דער אויספיר־ארגאניזם, וואס איז בארופן צו פירן דעם קאמף פאר באפרייען דאס פאלק, פאר דערגרייכן די אומאפהענגיקייט און אויך פאר דעם אויפבוי פון דער פוילישער מלוכישאפט.

●

דאס אויפבויען די פוילישע מלוכישאפט איז באזירט אויף דעם צוריקקער פון די דעמאקראטישע פרייהייטן, אויף דער גלייכהייט פון אלע בירגער, אן אונטערשייד פון ראסע, גלויבן און נאציאנאליטעט. די דעמאקראטישע פרייהייטן קענען נישט דינען די שונאים פון דער דעמאקראטיע. די פאשיסטישע ארגאניזאציעס וועלן ווערן אויסגעראטן מיט דער גאנצער שארפקייט פון געזעץ.

●

עס וועט גלייך דורכגעפירט ווערן אברייטע פלעבעיִשע אגראר־רעפארם דורכן שאפן אן ערדפאנד, וועלכער נעמט איבער דעם באדן וואס האט געהערט צו די דייטשן, פאלקספאררעטער און פריצים.

●

די יידן, וועלכע זענען געווארן אזוי אכזריותדיק פארפאלגט און אויסגעראטן דורכן אקופאנט, וועט פארזיכערט ווערן דער אויפבוי פון זייער עקסיסטענץ ווי אויך די געזעצלעכע און פאקטישע גלייכבארעכטיקונג.

●

# הויכע מלוכישע אויסצייכענונגען פאַר יידישע געזעלשאַפטלעכע- און קולטור-טוערס, שרייבערס און קינסטלערס

**צום צענטן יאָרטאָג פון פאָלקס-פוילן זענען געוואָרן אויסגעצייכנט מיט הויכע מלוכישע אָרדנס די פאַרדינסטפולע יידישע געזעלשאַפטלעכע- און קולטור-טוערס, שרייבערס און קינסטלערס:**

**שמעון זאַכאַריאַש** — קאָמאַנדאָרן-קרייץ פונעם אָרדן „אָדראָדזעניע פּאָלסקי”;

**הערש סמאָליאַר** — אָפיצירן-קרייץ פונעם אָרדן „אָדראָדזעניע פּאָלסקי”;

**מיכאַל מירסקי** — אָפיצירן-קרייץ פונעם אָרדן „אָדראָדזעניע פּאָלסקי”;

**יואל לאַזעבניק** — אָרדן פון דער „אַרבעטספאָן” 2טן קלאַס;

**יצחק גאָרדין** — קאַוואַלערן-קרייץ פונעם אָרדן אָדראָדזעניע פּאָלסקי”;

**בער מאַרק** — גאָלדענער פאַרדינסטקרייץ;

**דוויד ספאַרד** — קאַוואַלערן-קרייץ פונעם אָרדן „אָדראָדזעניע פּאָלסקי”;

**יעקב וואַסערשטרום** — גאָלדענער פאַרדינסטקרייץ;

**מאיר מעלמאַן** — קאַוואַלערן-קרייץ פונעם אָרדן „אָדראָדזעניע פּאָלסקי;

**יצחק גרודבערג-טורקאָוו** — קאַוואַלערן-קרייץ פונעם אָרדן „אָדראָדזעניע פּאָלסקי;

**משה מעלמאַן** — זילבערנער פאַרדינסטקרייץ;

**דוויד קאַרפּינאָוויטש** — זילבערנער פאַרדינסטקרייץ;

**ד. זשעלאַזאָ** — זילבערנער פאַרדינסטקרייץ;

---

**פון די אָרטיקע טוערס פון קולטור-געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד פון די יידן אין פוילן זענען געוואָרן אויסגעצייכנט:**

**ל. ראָזענשטרייך** — אָפיצירן-קרייץ פונעם אָרדן „אָדראָדזעניע פּאָלסקי;

**ג. בראַנדשטעטער, י. גאָלדקאָרן, עמנואל האַבער, יוסף הערשענבוים, משה קאָלמאָוויצקי** — מיט אַ גאָלדענעם פאַרדינסטקרייץ.

**פּ. װיינער, י. ביאַלאָסטאָצקי, ד. רויטבערג, ד. טייטלבוים, א. טענענבלאַט, ל. לעווי, ע. שטולבאַך** — מיט אַ זילבערנעם פאַרדינסטקרייץ.

---

# אונדזערע מיטאַרבעטער

## ד״ר אייזענשטאַדט שמואל



ד״ר אייזענשטאַדט שמואל, געבוירן אין 1886 אין באָריסאָוו (ווײַסרוסלאַנד). ביז 12 יאָר געלערנט אין חדר. דער פאָטער — אַ משכיל, געשריבן אין העברעיִש און ייִדיש — שיקט דעם זון שטודירן קיין אויסלאַנד. שמואל אייזענשטאַדט לערנט יורי און פילאָסאָפיע און באַקומט דעם טיטל דאָקטער אין בערנער אוניווערסיטעט פאַר זײַן דיסערטאַציע „די געשיכטע פון ייִדישן פּראָצעסרעכט ביז צו חתימת התלמוד".

אויסגעוויילט פון בערנער ייִדישן סטודענטן־קרײַז, באַטייליקט ער זיך אין דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ, וווּ ער האַלט אַ רעפעראַט וועגן דער ייִדישער אָרטאָגראַפיע. זינט 1906 פאַרעפנטלעכט ער אַרטיקלען אין ייִדישע, העברעיִשע, רוסיש־ייִדישע און דײַטשע צײַטשריפטן, רעדאַקטירט דעם זשורנאַל „שחרית" (וואַרשע־אָדעס 1912—1914), און צוזאַמען מיט פּ. דיקשטיין די אויסגאַבע „המשפט העברי" (מאָסקווע 1920). אַלס גרינדער און טוער פון די „צעירי־ציון"" רעדאַקטירט ער זייער אָרגאַן „ערד און פרײַהייט" (מאָסקווע 1919).

אין ייִדיש פאַרעפנטלעכט: „די אַרבעטער־פראַגע און די אַרבעטער־געזעץ־געבונג אין דער ייִדישער מדינה" („צוקונפט" 1911), „די פאָלקסווירטשאַפט אין דער פּאַרצײַטיקער ייִדישער מדינה" און „וואָס דערציילט אונדז דער תנך" (לעבן און וויסנשאַפט 1912, 5, 6, 7), „די סאָציאַלע אידעאַלן פון די נביאים" (ווילנע, קלעצקין־פאַרלאַג), „דער תלמוד און זײַן געשיכטע".

איבערזעצונגען אין ייִדיש: מ. סאָלאָווייטשיקס „יסודות פון דער עלטסטער ייִדישער קולטור־געשיכטע" (ווילנע 1923), פון די אַפּאָקריפישע „ספר טוביה" און „ספר החשמונאים", פון דער משנה „סדר נזיקין". פאַרעפנטלעכט אויך אַ סאָציאַלן ראָמאַן אָ׳ט „יוסף בריסקין" און אַ ריי גרעסערע אַרבעטן אין העברעיִש.

אין מאָסקווע האָט ער זינט 1916 פאַרנומען דעם אַמט פון פאַרוואַלטער פון דער ייִדישער אָפּטיילונג פון דער „רומיאַנצאָוו־ער מלוכה־ביבליאָטעק" און איז אויך געווען לעקטאָר פון ייִדישער געשיכטע. זינט די 20ער יאָרן וווינט ער אין ישראל וווּ ער באַשעפטיקט זיך מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אויפן געביט פון אַלט־ייִדישן רעכט און איז איינער פון די גרינדערס און אַקטיווער טוער פון „אגודת תרבות לעם". אין 1937 האָט ער זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון איקוף, אין פּאַריז. אַלס טיפער קענער פון דער העברעיִשער שפּראַך איז ער אויך געווען פּאָרזיצער פון „וועד הלשון". מיטאַרבעטער פון פאַרשידענע העברעיִשע אויסגאַבעס אין ישראל און אין אויסלאַנד; אָנפירנדיקער מיטגליד פו דער שלום־באַוועגונג אין ישראל און פון דער „געזעלשאַפט פאַר פרײַנדשאַפט צווישן ישראל און ראַטן־פאַרבאַנד". זיך באַטייליקט אין דעם אַלוועלטלעכן שלום־קאָנגרעס אין ווין און לעצטנס אין העלסינקי, ווי אויך אין דעם אַלוועלטלעכן ייִדישן קאָנגרעס קעגן דײַטשער ווידערבאַוואָפענונג אין פּאַריז (יוני 1955).

---

## בליץ צאַלעל

(קורצע ביאָגראַפישע שטריכן)



צאַלעל בליץ איז דער ליטעראַרישער פּסעוודאָנים פון מוליע קאַהאַן (שמואל איסר כהנא).

געבוירן אין דער קרײַזשטאָט סווענציאַן, ווילנער וואָיעוואָדשאַפט, אין יאָר 1909. זײַן יוגנט איז צונויפגעפאַלן מיטן אימפּעטפולן אויפשטײַג פון ייִדישן קולטור־לעבן אין פּוילן און ספּעציעל אין ווילנער ליטע.

געענדיקט די 8קלאַסיקע ייִדיש־וועלטלעכע ציש״אָ־גימנאַזיע אין זײַן געבוירן־שטאָט (1927). שטודירט אַ יאָר צײַט אויפן הומאַניסטישן פאַקולטעט פון דער וואַרשעווער „וואָלנאַ וושעכניצאַ פּאָלסקאַ" (1927—28). אַריבערגעפאָרן אין פראַנקרײַך, וווּ געענדיקט דעם אַגראָנאָמישן אינסטיטוט פון טולוזער אוניווערסיטעט (1931). נאָכן צושטעלן די דיסערטאַציע „די באַקטערישע טראַנספאָרמירונגען פון אָרגאַנישע שטאָפן און זייער פאַרבינדונג מיט די ביאָלאָגישע פּראָצעסן פון באָארבעטן באָדן", באַקומען דעם טיטל אינזשעניער־אַגראָנאָם.

זיך אומגעקערט אַהיים, כדי אָפּצודינען ½1 יאָר אין פּוילישן מיליטער, אין ביאַליסטאָק (1932—33). אין 1935 עמיגרירט קיין בראַזיל, וווּ געווען אַ האַלב יאָר און אָפּגעגעבן זיך מיט קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין די פּראָגרעסיווע קרײַזן. אין 1936

אַריבערגעפאָרן קיין אַרגענטינע, וווּ געאַרבעט בײַ זײַן אַגראָנאָמישן פאַך און געווען אַדמיניסטראַטאָר אין די יִקאַ־קאָלאָניעס: קלאַראַ, סאַן־אַנטאָניאָ, לוסיענוויל, מאָנטעפיאָרע און סאַנטאַ־איזאַבעל (1943—1936).

צוליב אידעאָלאָגיש־פּאָליטישע מאָטיוון געמוזט פאַרלאָזן די יִקאַ. געוואָרן לאַנדווירטשאַפטלעכער אַדמיניסטראַטאָר פון דער קאָלאָניע כוליאַ לעווין (1945—1944). אין 1946 איבערגענומען דעם אַמט פון פאַרוואַלטער פון אַרגענטינער יִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — יִוואָ (1952—1946). צוליב קאָנפליקטן אויפן אידעאָלאָגישן באָדן פאַרלאָזן דעם יִוואָ און איבערגענומען דעם אַמט פון דירעקטאָר פון דער י. ל. פּרץ־שול אין ווידזשאַ לינטש, אַן אַמט וואָס ער פאַרנעמט ביז איצט.

אָנגעהויבן שרײַבן צו 13 יאָר, אין יִדיש און העברעיִש. רעדאַקטירט דעם גימנאַזיאַלן שולזשורנאַל „אונדזער וועלטל". געשריבן אין אַלע זשאַנערן, אָבער פאַרעפנטלעכט בלויז פּאָעזיע און קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן אין אַ ריי צײַטשריפטן פון פּוילן „ליטעראַרישע בלעטער", „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור", „ליטעראַרישע טריבונע", „דער פרײַנד" א"א). נאָכן אַריבערפאָרן קיין אַרגענטינע, פאַרעפנטלעכט לידער, עסייען, ליטעראַטור־קריטיק און קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן אין אַלע פּראָגרעסיווע אויסגאַבעס פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. זינט 1940 — שטענדיקער מיטאַרבעטער און מיטרעדאַקטאָר פון זשורנאַל „איקוף". אַ פּאָר יאָר געווען דירעקטאָר פון דער ליטעראַרישער זײַט אין דער טאָגצײַטונג „הײַנט", ביז איר שליסן זיך.

אין 1948 — דערשינען אין „איקוף"־פאַרלאַג זײַן בוך „טרוימען אָנגעטאָן אין שטאָל" (קווערשניטן) און די בראָשור „די טשערנאָוויצער קאָנסטיטוציע". איבערגעזעצט ב. פּאָלעוואָיס „די געשעכטע פון אַן עכטן מענטשן" און ר. פּאַרקערס „די פאַרשווערונג קעגן שלום". האָט גרייט צום דרוק אַ ריי אַנדערע ווערק. שרײַבט אויך אונטער פּסעוודאָנימען וועגן אַקטועלע טאָגפּראָבלעמען.

האָט פאַרעפנטלעכט הונדערטער אַרטיקלען אויף ליטעראַרישע טעמעס און געהאַלטן אָן אַ שיעור רעפעראַטן אין אַלע ווינקלען פון לאַנד. איז זינט דעם יאָר 1952 פּאָרזיצער פון אַרגענטינער „איקוף".

## באַשע בערמאַן (1953—1907)



באַשע בערמאַן, פון דער היים טעמקין איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין אַן אָרעמער יִדישער היים. פון קינדווײַז אָן האָט זי זיך געראַנגלט מיט מאַטעריעלע שוועריקייטן, אָבער איר געוואַלדיקער דורשט נאָך וויסן האָט גובר געווען די שוועריקייטן. זי לערנט זיך פּיבערהאַפּט. גאָר יונג ענדיקט זי די סאָציאַלע און בילדונגס־אָפּטיילונג אין אַ וואַרשעווער הויכשול און ספּעציאַליזירט זיך אין ביבליאָטעקאַר־וועזן. נאָכן פאַרענדיקן דאָס שטודיום אַרבעט זי ווי אַ לייטערין פון אַן אָפּטיילונג פון דער וואַרשעווער שטאָטישער ביבליאָטעק.

באַשע בערמאַן איז פון קינדווײַז אָן אַ הייסע ליבהאָבערין פון דער יִדישער ליטעראַטור און פון יִדישן בוך. זי ווערט אַ רעפערענטין פון יִדישן בוך אין דער גרויסער פּוילישער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק. אַזוי האָט זי געאַרבעט אומדערמידלעך ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אַפילו אין וואַרשעווער געטאָ האָט באַשע בערמאַן נישט פאַרלאָזט דעם פּאָסטן. זי האָט אָרגאַניזירט אַ שיינע קינדער־ביבליאָטעק בײַ דער קינדערשוץ־צענטראַלע און אָנגעפירט מיט איר. נאָך דער באַפרײַונג האָט זי געווידמעט אַ סך צײַט און מי אויף צונויפזאַמלען יִדישע ביכער פון ביבליאָטעקן וואָס זענען רויִנירט געוואָרן בעת דער היטלער־אָקופּאַציע. זי איז געווען די לייטערין פון דער צענטראַלער יִדישער ביבליאָטעק בײַם צענטראַל־קאָמיטעט פון די יִדן אין פּוילן. אין דער ביבליאָטעק זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן 100.000 בענד.

אויך אין ישראל האָט זי, נישט קוקנדיק אויף דער שווערער קראַנקהייט, אָנגעפירט מיט אַ קינדער־ביבליאָטעק בײַ אַ גרויסער פאָלקסשול.

ביזן לעצטן מאָמענט איז זי געווען אַן ענטוזיאַסטישע ליבהאָבערין פונעם פּראָגרעסיוון בוך, באַזונדערס פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

פון די יוגנטיאָרן איז באַשע בערמאַן (טעמקין) געווען אַן אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע טוערין. אַ קורצע צײַט האָט זי געהערט צום „השומר הצעיר"", אָבער די אידעאָלאָגיע און דער גײַסט פון דער אָרגאַניזאַציע האָט איר נישט אַנטשפּראָכן. זי איז אַרײַנגעטראָטן אין דער לינקער „פּועלי ציון"־פּאַרטיי און געהערט צום ראַדיקאַלן פליגל פון דער פּאַרטיי. נאָך אין די סטודענטישע יאָרן, אַלס סעקרעטאַרין פון דער סטודענטישער סאָציאַליסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „יוגנט", נעמט זי אָנטייל צוזאַמען מיט אַדאָלף בערמאַן אין אַנטיפאַשיסטישע איינהייט־פּראָנטיקע אַקציעס אין איינעם מיט פּוילישע לינקע סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן.

אין דער צײַט פון דער היטלער־אָקופּאַציע איז זי געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג אין וואַרשעווער געטאָ און אינעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. די וויכטיקסטע קאָנספּיראַטיווע אַרבעטן פירט זי אויס אויף דער „אַרישער זײַט" אין וואַרשע. זי ווערט איינע פון די הויפּט־אָנפירערינס מיט דער אונטערערדישער רעטונגס־אַקציע. זי פירט אָן מיט איבער 100 הילפסקעמערלעך, וועלכע האָבן אין די טראַגישע באַדינגונגען געגעבן הילף טויזנטער יִדן און געראַטעוועט זיי פון טויט. זי וואַקסט אויס צו איינע פון די פּאָפּולערסטע לעגענדאַרע געשטאַלטן פון „יִדישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט" און פון „אַלפּוילישן הילפסראַט פאַר יִדן". נישט געקוקט אויף איר יִדישן אויסזען גייט זי אַרום און פירט אָן פּערזענלעך מיט דער אַרבעט, אַרויסווײַזנדיק אומגעהײַערן מוט און אָפּפערוויליקייט. איר טעטיקייט האָט זי געפירט אין ברידערלעכער צוזאַמענאַרבעט מיט פּוילישע פּראָגרעסיווע און רעוואָלוציאָנערע קרײַזן.

מיט אַ באַזונדערער זאָרגפאַלטיקייט האָט זי געזאַמלט דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וועגן מאַרטירערטום און העלדישן קאַמף פונעם פּוילישן יִדנטום.

די גאַנצע צײַט פון דער היטלער־אָקופּאַציע איז זי געווען פּאָליטיש אַקטיוו אַלס מיטגליד פון אונטערערדישן צענטראַל־קאָמיטעט פון „פּועלי ציון" און אַן אַקטיווע טוערין פונעם אײַנהייטלעכן פראָנט מיט דער רעוואָלוציאָנערער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי.

נאָך דער באַפרײַונג דורך דער סאָוועטישער אַרמיי, הערט זי נישט אויף איר אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. די פּוילישע פֿאָלקס־רעגירונג האָט זי באַערט פֿאַר אירע גרויסע פֿאַרדינסטן אין אַנטיפֿאַשיסטישן קאַמף מיט דער הויכער מלוכישער אויסצייכענונג „פּאָלאָניאַ רעסטיטוטאַ".

אין 1950 קומט זי קיין ישראל. זי וואַרפֿט זיך גלייך אַרײַן אין דער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט. זי איז אַ מיטגליד פֿון הויפּט־ראַט פֿון מפּ"ם, זי געהערט די גאַנצע צײַט צום עקסטרעם לינקן פֿליגל פֿון דער פּאַרטיי. זי געהערט צו די גרינדער פֿון דער ליגע פֿאַר פֿרײַנדשאַפֿט ישראל־פּוילן. ווען עס ברעכט אויס דער גרויסער אידעיִש־פּאָליטישער קאַמף אין מפּ"ם, שליסט זיך אָן באַשע בערמאַן צו דער „לינקער פֿראַקציע" און ווערט איינע פֿון די גרינדער פֿון דער לינק־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

ביזן לעצטן אָטעם פֿון איר לעבן איז זי געבליבן געטריי די אידעען פֿון שלום און פֿעלקער־פֿאַרברידערונג, פֿון סאָציאַליזם, נאַציאָנאַלער באַפרײַונג און פּראָגרעס. ביזן לעצטן אָטעם איז זי געווען געטריי דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד און דער זיגרייכער וועלט פֿון פּראָגרעס און שלום.

---

## מאַגיסטער בערנשטיין טאַניאַ



מאַגיסטער בערנשטיין טאַניאַ, געבוירן אין יאָר 1906 אין שעברעשין, לובלינער וואָיעוואָדשאַפֿט. נאָך אַלס קליין קינד איז זי מיט אירע עלטערן אַוועק קיין וואַרשע, און זי האָט פֿאַרענדיקט אין 1932 דעם אוניווערסיטעט מיטן טיטל „מאַגיסטער פֿון פֿילאָסאָפֿיע אויפֿן געביט פֿון געשיכטע". די מלחמה־יאָרן האָט זי איבערגעלעבט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד וווּ זי איר מאַן, אַ באַקאַנטער רעוו' טוער, האָט געאַרבעט אַלס לערערין.

ער, איז געפֿאַלן אין שלאַכט ווי אַ רויטאַרמייער. נאָך איר אומקערן זיך קיין פּוילן אין 1946 איז זי געוואָרן אַ מיטאַרבעטערין אין דער „ייִדישער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע" אין לאָדזש און איז שפּעטער איבערגעגאַנגען צום „ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט" אין וואַרשע. הײַנט פֿירט זי אָן מיטן אַרכיוו פֿון דאָזיקן אינסטיטוט און איז אויך רעדאַקציע־מיטגליד פֿון די „בלעטער פֿאַר געשיכטע".

טאַניאַ בערנשטיין האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן וועגן דער פֿאַרניכטונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין וואַרשעווער און לובלינער דיסטריקט, וועגן ווירטשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען אין די געטאָס און אין פּוילן בכלל אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, ווי אויך וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג און דעם קאַמף קעגן פּאָגראָמען אין דער צײַט פֿון סאַנאַציע־פּוילן. איצט רעדאַגירט זי אַ גרויסע קאָלעקטיווע אַרבעט וועגן דער ייִדן־אויסראָטונג אין אָקופּירטן פּוילן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

---

## גוטע גוטערמאַן



געבוירן אין יאָר 1911 אין שטעטל מאָגעלניצע, לעבן וואַרשע. פֿון 1924 ביז דער היטלער־אָקופּאַציע געוווינט און געאַרבעט אין וואַרשע. דעביוטירט אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער" אין 1936. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין דער „פֿאָלקסצײַטונג". די מלחמה־יאָרן 1939—1946 איבערגעלעבט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין מינסקער „אָקטיאַבר" און אין „שטערן". נאָך דער נאַציאָקופּאַציע צוריקגעקומען קיין פּוילן.

אין 1948 אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער „דער אָפּגרונט רוישט" דורכן פֿאַרלאַג „ייִדיש בוך" אין לאָדזש. געדרוקט לידער אין דער ייִדישער פּרעסע אין לאַנד און אין אויסלאַנד. אָנהייב 1951 אויסגעוואַנדערט קיין ישראל. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער אין „פֿרײַ ישראל", „נײַוועלט", אין ניו־יאָרקער „ייִדישע קולטור" און אין אַנדערע אויסגאַבעס אין לאַנד און אין אויסלאַנד. דאָס איצטיקע וווינאָרט: ישראל.

---

## גראָסבאַרד יהושע



יהושע גראָסבאַרד איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1902 אין שטעטל סעראָצק, בײַ וואַרשע. צו 12 יאָר הייבט ער אָן העלפֿן דעם טאַטן, וואָס איז געוואָרן אַ שטובן־מאָלער. אין 1926—27 לערנט ער אַ געוויסע צײַט אין ווילנע בײַ די מאָלער פּראָפֿ' לודאָמיר. סלענדזינסקי און ראובע, דערנאָך אין וואַרשע אין דער גערסאָן־שול און בײַם מאָלער פּראָפֿ' מאַרטשעווסקי.

צום ערשטן מאָל באַטייליקט ער זיך אין אַ בילדער־אויסשטעלונג אין ווילנע אין 1927. זינט 1928 אַרבעט ער און שטעלט אויס אין וואַרשע. דאָס לעצטע מאָל איז ער געווען באַטייליקט אין 5טן יובל־סאַלאָן פֿון וואַרשעווער קינסטלער־פֿאַראיין, אין פֿעברואַר־מאַרץ 1939.

פֿון יולי 1939 איז ער אין ישראל, וווּ ער אַרבעט אַלס שטובאון קונסט־מאָלער. באַטייליקט זיך אין אַלע אויסשטעלונגען פֿון „אגודת הציירים ומפסלים בישראל". זינט 1942 טעטיק אין קאָמיטעט פֿון חיפֿער קינסטלערס און איז פֿאָרשטייער פֿון חיפֿה אין צענטראַלן לאַנד־קאָמיטעט פֿון די ישראל־קינסטלערס. ער איז אויך אַ מיטגליד פֿון קינסטלערדאָרף „עין־הוד".

יהושע גראָסבאַרד איז זײַן גאַנץ לעבן געזעלשאַפֿטלעך פֿאַרבונדן מיט דער פּראָגרעסיווער און אַרבעטער־באַוועגונג. צווישן אַנדערס איז ער געווען אַ קאָמיטעט־מיטגליד פֿון דער „ליגע פֿאַר פֿרײַנדשאַפֿט ישראל־פֿססר" און לעצטנס מיטגליד פֿון לאַנדראַט פֿון דער „תנועת הידידות ישראל־ברית המועצות".

## זאַקין מאָטל



זאַקין מאָטל, געבוירן דעם 14טן יאַנואַר 1910 אין שטעטל ביטען, לעבן סלאָנים, מערב־ווייסרוסלאַנד. געענדיקט די ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע גימנאַזיע אין סלאָנים וווּ די לימודים־שפּראַך איז געווען פּויליש. האָט דערנאָך שטודירט אין פֿראַנקרייַך, אין די שטעט רואַן און נאַנסי, און געענדיקט אויף עלעקטראָ־אינזשעניער. ער האָט אויך באַקומען דעם דיפּלאָם פֿון „מאַגיסטער פֿון עקזאַקטע וויסנשאַפֿטן". זינט סעפּטעמבער 1934 געפֿינט ער זיך אין אַרגענטינע.

נאָך אין די גימנאַזיע־יאָרן האָט זיך זאַקין אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען. ער האָט דעמאָלט געהערט צו דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע פֿון די לינקע פּועלי־ציון. שפּעטער, אין פֿראַנקרייַך, האָט ער זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער ייִדישער פּראָגרעסיווער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע „פּונק" וואָס פֿון אירע רייען קומט אַרויס אַזאַ ווייכטיקע פּערזענלעכקייט ווי דער באַקאַנטער קולטור־טוער און שרייַבער אין נייַעם פּוילן, דוויד ספֿאַרד.

אין אַרגענטינע איז זאַקין געווען במשך פֿון 12 יאָר אַן אָנפֿירנדיקער מיטגליד פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון ייִוואָ, וווּ ער האָט פֿאַרנומען דעם אַמט פֿון גענעראַל־סעקרעטאַר. ער איז אויך עטלעכע יאָר געווען פּרעזיצער פֿון אַרגענטינער ייִדישן פֿאָלקס־טעאַטער „איפֿט" און איצטער איז ער מיטגליד פֿון פּרעזידיום פֿון איקוף.

זאַקין האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַרבעטן אויף לינגוויסטישע, ליטעראַרישע און וויסנשאַפֿטלעכע טעמעס אין די אויסגאַבעס פֿון ייִוואָ (אין צפֿון־אַמעריקע און אַרגענטינע), אין די זשורנאַלן „איקוף" און „נייַ־טעאַטער", אין „די פּרעסע" א"א. אַ געוויסע צייַט איז ער געווען מיטרעדאַקטאָר פֿון דער זייַט „אונדזער לשון" אין זשורנאַל „איקוף". ער איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון דער וואָכנשריפֿט „טריבונע".

---

## זאַקס מענדל



געבוירן אין 1897 אין דער קרייַזשטאָט קאָנין, דער וואַרט (וואַרטאַ), געוו' קאַלישער גובערניע, איצט פּויזנער וואָיעוואָדשאַפֿט. דער פֿאָטער, אַ גערער חסיד, האָט אָנגעפֿירט אַ וואַרשטאַט פֿון מצבה־קריצערייַ וווּ דער שטענדיקער שטויב פֿון שטיינער האָט אים אויפֿגעגעסן די לונגען און ער איז געשטאָרבן אין עלטער פֿון 44 יאָר. זייַן מוטער, אַן אויפֿגעקלערטע פֿרוי וואָס האָט געקענט שפּראַכן און איז געווען באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטעראַטור, האָט נאָכן מאַנס טויט אין גאַנצן פֿאַרוועלטלעכט די שטוב. די טעכטער זענען שוין פֿריער געגאַנגען אין די „שקאָלעס" און האָבן צווישן זיך גערעדט פּויליש, אָבער איצט איז אויך געקומען די צייַט אויף די דרייַ זין פֿון וועלכע מענדל זאַקס איז געווען דער מיטלסטער. זייַן עלטסטער ברודער איז געווען אַ ישיבה־בחור, כאָטש אין געהיים האָט ער זיך געגרייט צו דער מאַטורע. ער פֿאָרט קיין וואַרשע, ווערט אַן אייַנגייער בייַ פּרץ, וועמען ער ווייַזט זייַנע ליטעראַרישע פּרוּוון, און פֿאַרעפֿנטלעכט אין טעגלעכן „פֿרייַנד" אַ נאָוועלע פֿון שטעטלדיקן לעבן („נישט באַשערט", געחתמעט "אברהם בן חיים").

נאָכן פֿאָטערס טויט פֿירט ער אָן די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין קאָנין. אין 1905 אַנטלויפֿט ער קיין שווייץ וווּ ער שטודירט פֿילאָסאָפֿיע און אַלטע שפּראַכן, באַקומט דעם ד"ר טיטל און ווערט רעדאַקטאָר פֿון אַ פֿילאָסאָפֿישן זשורנאַל אין גענף. בעת היטלער באַדראָט די שווייץ פֿאָרט ער קיין פּאַריז און אין דער צייַט פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע באַהאַלט ער זיך אין אַ פֿראַנצויזישן דאָרף, אין פֿייַכטע גריבער, וווּ ער באַקומט אַ פּאַראַליז און שטאַרבט עטלעכע יאָר נאָך דער באַפֿרייַונג.

אַ צווייטער קרבן פֿון היטלעריזם אין דער משפּחה איז געווען זאַקסעס ייִנגערער ברודער, וועלכער איז פֿאַרבליבן אין פּוילן נאָכן פֿאַרענדיקן דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. זאַקסעס מוטער און שוועסטער האָבן נאָך אין די 20ער יאָרן פֿאַרלאָזן פּוילן. די מוטער איז אין לאָס אַנדזשעלעס געווען געזעלשאַפֿטלעך טעטיק ביזן טיפֿן עלטער. זי האָט מיטגעאַרבעט אין די איקוף־אָרגאַניזאַציעס ביז איר טויט. צו איר שלושים איז פֿאַרגעקומען אַ מעמאָריאַל־אַקט בייַ דער באַטייליקונג פֿון פּראָגרעסיווע רעדנערס, לערערס און שרייַבערס.

פֿון די שוועסטער געפֿינען זיך צוויי אין קאַליפֿאָרניע, איינע (וואָס איז פֿריער געווען אין אַרגענטינע) — אין ניו־יאָרק, וווּ זי איז אַ טוערין און לערערין אין די פּראָגרעסיווע שולן, און נאָך איינע אין מאָסקווע. זי איז אין 1929 צוזאַמען מיטן מאַן אַוועק פֿון קאַליפֿאָרניע קיין ביראָבידזשאַן און דערנאָך זיך באַזעצט אין מאָסקווע, וווּ זי איז ביז הייַנט פּראָפֿעסאָרין פֿון ענגליש.

מיטן טויט פֿון פֿאָטער איז אויך מענדל זאַקס איבערגעגאַנגען צו וועלטלעכע לימודים און פֿאַרלאָזט דעם חדר, וווּ ער איז געווען דער ייִנגסטער צווישן די גמרא־ייִנגלעך. צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין קאַליש. ר'האָט זיך צוגעגרייט אַרייַנצוטרעטן אין דער דאָרטיקער גימנאַזיע. זייַנע לערערס זענען געווען די עלטערע שוועסטער און דער שפּעטער באַקאַנטער טעאַטער־קריטיקער און זשורנאַליסט נ. בוכוואַלד, וואָס האָט דאַן צייַטווייליק געוווינט אין קאַליש. זאַקס איז אין יענער צייַט שטאַרק געווען באַאייַנפֿלוסט פֿון פּוילישן פּאַטריאָטיזם און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ער וועט זיך אין גאַנצן קענען אויסלעבן אין דער פּוילישער קולטור. אָבער דער אָפּשטויסנדיקער אַנטיסעמיטיזם האָט אים מיט דער צייַט צוריקגעפֿירט צו ייִדישע פּראָבלעמען און אין די העכערע קלאַסן פֿון דער גימנאַזיע איז ער אַפֿילו געוואָרן דער אָנפֿירער פֿון אַ שולקרייַז וואָס האָט אָנגענומען די אידעאָלאָגיע פֿון די לינקע פּ"צ. גלייַכצייַטיק האָט ער זיך שוין דאַן אָפּגעגעבן מיט שרייַבן, אָבער בלויז אין פּויליש. אויף זייַנע ליטעראַרישע נייגונגען האָט אין אַ גרויסער מאָס געווירקט די אייגענע שטוב וווּ ס'איז אַרייַנגעקומען סייַ די פֿאַרפּוילישטע ייִדישע אינטעליגענץ, סייַ די ייִדיש־רעדנדיקע, צווישן זיי אויך שרייַבערס אַזעלכע ווי שמעון האָראָנטשיק, הערשעלע, דער באַרימטער דיכטער אשר שוואַרצמאַן (וואָס האָט דאַן געדינט אין קאַליש) און אויך פּרץ אָפּאָטשינסקי (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. זייַנע שאַפֿונגען זענען געפֿונען געוואָרן אין רינגעלבלום־אַרכיוו. וועגןביידע האָט זאַקס אין דער צייַטונג „דער וועג" פֿאַרעפֿנטלעכט זכרונות). פֿאַר שוואַרצמאַ־

נען און אויך פאַר אַנדערע האָט זאַקס געוויזן זײַנע ליטעראַרישע פּרוּוון. אין שטוב זענען אָפט פאָרגעקומען צוזאַמענקונפטן ווו מ'האָט פאָרגעלייענט פּוילישע און אויך יִדישע שאַפונגען, דיסקוטירט וועגן זיי און דערנאָך אָפט געזונגען און פאַרבראַכט.

אין די יאָרן 1917—1918 איז זאַקסן אויסגעקומען צו פאָרן אויף קאָנפערענצן אַלס דעלעגאַט פון דער פּ"צ־שוליוגנט פון קאַליש. פריִער צו דער ראַיאָן־קאָנפערענץ פון די לינקע פּ"צ אין לאָדזש און דערנאָך צו דער לאַנד־קאָנפערענץ אין ווארשע, וווּ ער טרעפט זיך צום ערשטן מאָל מיט עמנואל רינגעלבלום, וועלכער האָט דאַן פאָרטרעטן די גאַליציאַנער פּ"צ־שוליוגנט. שפּעטער ווען זאַקס האָט געענדיקט די גימנאַזיע און איז אַרײַנגעטרעטן אין ווארשעווער אוניווערסיטעט האָט ער זיך גאַנץ אָפט געטראָפן מיט רינגעלבלומען אין אַקאַדעמישן באַראָכאָוו־קרײַז, צו וועלכן ביידע האָבן געהערט און אַ געוויסע צײַט האָבן ביידע אויך פאָרטראָטן דעם דאָזיקן סטודענטן־קרײַז אין עקז' קאָמיטעט פון די ווארשעווער לינקע פּ"צ.

אין יענע סטודענטישע יאָרן האָט זאַקס זיך אַפילו אַ קורצע צײַט פאַרנומען מיט אויפזאַמלען בײַ ווארשעווער יִדן פאָלקסלידער. די עטלעכע פאָלקסלידער וואָס זענען פאַרעפנטלעכט אין „פּנקס ווארשע" האָט ער אויפגעזאַמלט בײַ די טעכטער פון אַ יִדישן בלעכער.

פון דעסט וועגן האָט ער נאָך אַלץ נישט געשריבן יִדיש. ווען ער איז אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס אין 1923, האָט ער אויף דער אײַנלאַדונג פון שעף־רעדאַקטאָר פון די „פּרעסע", פּיניע קאַץ, פאַרעפנטלעכט אין דער דאָזיקער צײַטונג אַ סעריע אַרטיקלען אויף דער טעמע: „די רעאַקציע אין פּוילן און אירע סיבות". שפּעטער איז געקומען אַ גרעסערע באַשרייבונג שוין אויף אַ לאָקאַלער טעמע: „אויף די אינדזלען פון סאַן פערנאַנדאָ" (פון וועלכע איין קאַפּיטל איז מיט יאָרן שפּעטער אַרײַן אין דער „אַנטאָלאָגיע פון דער יִדישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע"). ווײַטער איז געקומען אַ גרעסערע אַרבעט אין אַ רײַ אַרטיקלען אויף דער טעמע: „פּאַטאַליזם אָדער פאַרענדערונג־געזעץ". דערנאָך קומען דיסקוסיע־אַרטיקלען, ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען וועגן די פּוילישע און אויך יִדישע קלאַסיקערס, און אַנדערע. מיט יאָרן שפּעטער ווערט זאַקס דער איבערזעצער פון דעם דײַטשן אַנטיפאַשיסטישן שרײַבער ד"ר פּאַול צעך (רענאַנוס) וואָס פאַרעפנטלעכט זײַנע אַרבעטן וועכנטלעך אין „די פּרעסע" און דערנאָך אויך אין „די וואָך". גלײַכצײַטיק שרײַבט ער פון צײַט צו צײַט פּויליש און אין 1927 איז ער רעדאַקטאָר פון אַ פּוילישער צײַטונג („דער עמיגראַנט אין אַרגענטינע"). אַ קורצע צײַט רעדאַגירט ער אין יִדיש און שפּאַניש אַ פּעריאָדישע אויסגאַבע פון די היימשנײַדערס .ס'זענען אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין סטודענטישן זשורנאַל „פּעכאַ" (אַרויסגעגאַנגען אין די 40ער יאָרן (זײַנע שפּאַנישע קאָנפערענצן וועגן יִדישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר דער „פּעכאַ"־יוגנט וועגן מענדעלען און זײַנע ווערק).

אָבער נישט קוקנדיק אויף אַלע פאַרעפנטלעכטע זאַכן (אַ מאָל אויך געשריבן אין „רויטן שטערן" און אין זשורנאַל „אין גאַנג") האָט זײַן סטאַבילע זשורנאַליסטישע טעטיקייט זיך ערשט אָנגעהויבן אין דער צווייטער העלפט פון די 30ער יאָרן, ווען ס'איז דערשינען די פּראָגרעסיווע אויסגאַבע „די וואָך". ער איז דאַן געווען דער איינציקער וואָס האָט דאָרט געטון אינערלעכע רעדאַקציע־אַרבעט. דערנאָך מיטן דערשײַנען פון אָרגאַן 2 מאָל וועכנטלעך, האָט זיך די רעדאַקציע אויסגעברייטערט. די רעדאַקציע־אַרבעט זעצט ער פאָר אין די שפּעטערדיקע „די פאָלקסשטימע", „דער וועג" און צו לעצט אין „הײַנט". פאַרשידנאַרטיק איז געווען זײַן מיטאַרבעט: פּאָליטישע אַרטיקלען („דער פּאָליטישער מאָמענט אין „וועג"), ליטעראַרישע אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען וועגן טעאַטער, קינאָ, אויסשטעלונגען (פּסעוודאָנים „עמזא"), פּעליעטאָנען (אַ קאָלבויניק), איבערזעצונגען פון גרעסערע ווערק (דאָס פאַלן פון פּאַריז 1טער טייל, און אַנדערע) נאָך דעם ווי ס'איז פאַרמאַכט געוואָרן די טעגלעכע פּראָגרעסיווע צײַטונג, האָט ער מיטגעאַרבעט אין זשורנאַל „דער שפּיגל" און אויך געשריבן פאַר דער פּראָגרעסיווער פּוילישער צײַטונג אין ב' אײַרעס. ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַרבעטן אין זשורנאַל „איקוף" אין „טריבונע" און „לאַנדסמאַנשאַפטן". אויך איבערגעזעצט איינציקע טעאַטער־פּיעסעס פאַרן „איפט" .

אין בוכפאָרעם אַרויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג „דער וועג" אַ ביאָגראַפיש־ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונג וועגן י. ל. פּרץ. די אַרבעט איז אָנערקענט געוואָרן ווי די ערשטע פון דער ייִוואָ־קאָנקורס צום פּרץ־יאָר 1945.

---

## טורקאָוו יצחק



טורקאָוו יצחק, געבוירן אין ווארשע ווי דער פערטער זון פון דער באַקאַנטער טורקאָוו־משפּחה. ער האָט שטודירט אין העברעע דראַמאַטישע שולן און אחוץ אַקטיאָר און רעזשיסער איז אויך שרײַבער, איבערזעצער און היסטאָריקער פון יִדישן טעאַטער. זינט 1923 פאַרעפנטלעכט ער אַרטיקלען און רעצענזיעס. אין 1926 איבערזעצט ער אויף יִדיש זשעראָמסקיס „ערב פרילינג" (פּשעדוויאָשניע) און סלאָוואַצקיס „דער פאָטער פון די פאַרפּעסטעטע" (אָיטשעץ זאַדזשומיאָניך).

די מלחמה האָט ער איבערגעלעבט אין ראַטן־פאַרבאַנד, פון וואַנען ער האָט זיך אומגעקערט אין 1946. אין נײַעם יִדישן יִשוב אין נידערשלעזיע איז ער געווען פון די הויפּטטוערס און זײַן פאַרדינסט איז אויך דאָס מיטבאַטייליקן זיך אין ווידערגעבורט פון יִדישן טעאַטער אין פאָלקס־פּוילן. עס זענען באַרימט געוואָרן זײַנע קרעאַציעס פון אַ רײַ טעאַטער־געשטאַלטן, ווי יוליוס ראָזענבערג פון קרוטשקאָווסקיס פּיעסע „יוליוס און עטל", רב טאָדרעס אין אידאַ קאַמינסקיס דראַמאַטיזאַציע פון אָזשעשקאָוואַס „מאיר עזעפאָוויטש" און אַנדערע. צווישן אַנדערע אינסצעניזירט פּרצס ווערק, איז מחבר פון ליטעראַרישע און געשיכטלעכע אַרבעטן, ווי „די געשיכטע פון יִדישן טעאַטער אין פּוילן", אַ ביאָגראַפישע דערציילונג וועגן אסתּר רחל קאַמינסקי, אַ שטודיום וועגן דער סאָוועטישער דראַמאַטורגיע. די אַלע אַרבעטן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פאָלקס־פּוילן דורכן פאַרלאַג „יִדיש־בוך".

יצחק טורקאָוו איז אַ מיטגליד פון פּוילישן שרײַבער־פאַראיין און געהערט אויך צו דער פאַרוואַלטונג פון „קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַראיין פון יִדן אין פּוילן". איצט זעצט ער פאָר זײַן אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון יִדישן טעאַטער.

---

## פראָפעסאָר מאַרק בער



פראָפ׳ מאַרק בער געבוירן אין 1908 אין לאָמזשע (א ברודער פון באקאנטן שרײַבער אהרון מארק). אין 1927 באַזעצט ער זיך אין ווארשע ווו ער פארענדיקט א העברעיִשע שול. ער טרעט אַרײַן אין אוניווערסיטעט און אין 1931 באקומט ער דעם דיפּלאָם פון מאגיסטער פון יורידישע וויסנשאפטן. ער שטודירט אויך ליטעראטור און געשיכטע און זײַן דאָקטאָראט־ארבעט גרייט ער צו אויף דער טעמע פון דעם קאמף צווישן אָרטאָדאָקסאלן מארקסיזם און רעוויזיאָניזם. די ארבעט מוז ער אָבער איבעררײַסן, ווײַל ער ווערט ארעסטירט אָלס רעוואָלוציאָנער.

זײַנע ערשטע ליטעראַרישע ארבעטן האָט מארק אָנגעהויבן צו דרוקן אין 1938. ער איז שפּעטער געוואָרן רעדאקטאָר פון דער רעוואָלוציאָנערער צײַטשריפט „ליטעראַרישע טריבונע" און פון דער טעגלעכער צײַטונג „פרײַנד", וואָס די סאנאציע־רעגירונג האָט דערנאָך געשלאָסן. די „געשיכטע פון דער פּוילישער ארבעטער־באַוועגונג", וואָס ער האָט ארויסגעגעבן אין 1936, האָט די צענזור קאָנפיסקירט. דורכן פארלאג „טאָמאָר" האָט ער אין די יאָרן 1938 און 1939 פארעפנטלעכט צוויי בענד פון זײַן גרויס ווערק „די געשיכטע פון די סאָציאלע באַוועגונגען אין פּוילן", אָבער דער צווייטער באנד איז געוואָרן קאָנפיסקירט. ער האָט אויך געשריבן א ריי ארטיקלען, ליטעראַרישע, געשיכטלעכע און פּאָליטישע, וואָס ער האָט פארעפנטלעכט סײַ אין דער אומלעגאלער קאָמוניסטישער פּרעסע, סײַ אין די לעגאלע אויסגאבעס, צווישן זיי אויך אין די „ליטעראַרישע בלעטער". ער איז געווען פּאָפּולער ווי א פּרעלעגענט אויף ליטעראַרישע און פּאָליטישע טעמעס אין די לינקע פּראָפ׳ פאראיינען און האָט אויך געהערט צו דער פארוואלטונג פון שרײַבער־ און זשורנאליסטן־פאראיין אויף טלאָמאצקע 13.

די מלחמה האָט בער מארק איבערגעלעבט אין ראטן־פארבאנד, ווו ער האָט געארבעט אין דער יִדישער סעקציע פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע אין דער אָפּטיילונג פאר שפּראַך און געשיכטע. שפּעטער האָט ער זיך באטייליקט אין יִדישן אנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט און צו לעצט איז ער געווען פאראנטוואָרטלעכער סעקרעטאר אין „אָרגאניזיר־קאָמיטעט פון פּוילישע יִדן בײַם פאַרבאנד פון פּוילישע פּאטריאָטן" אין מאָסקווע.

סוף 1945 קערט ער זיך אום קיין פּוילן. ער שטייט אין שפּיץ פון די שייפּעי״ם פון באנײַטן יִדישן יִשוב אין פּוילן. ער רעדאַגירט „דאָס נײַע לעבן" און זינט 1949 פארנעמט ער דעם דירעקטאָראַמט פון יִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט. מארק איז אויך פאָרזיצער פון סלוב פון יִדישע שרײַבערס בײַם פּוילשן שרײַבער־פאראיין און פּרעזידיום־מיטגליד אין „קולטור־געזעלשאפטלעכן פאראיין פון יִדן אין פּוילן". צו דעם איז ער אויך מיטגליד פון אַלגעמיינעם פּוילישן קאָמיטעט פון שלום־פארטיידיקערס און ראטמאַן פון ווארשעווער שטאָטראט. אויף אינטערנאציאָנאלע קאָנפערענצן האָט ער פארטראָטן די פּוילישע יִדן און איז אויך געווען דעלעגאט צום 1טן און 2טן וועלטקאָנגרעס פאר שלום.

נאָך דער באפרײַונג האָט בער מארק פארעפנטלעכט א ריי ארבעטן וועגן די אויפשטאנדן אין ווארשעווער און אין ביאַליסטאָקער געטאָ, וואָס זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין פּויליש, פראנצויזיש, דײַטש, רומעניש, גרוזיניש און נאָך אנדערע שפּראכן.

בער מארק איז מחבר פון ארבעטן וועגן דער ליטעראטור אין די געטאָס און לאגערן, וועגן דער יִדישער טראגעדיע אין דער פּוילישער ליטעראַטור, וועגן וויקטאָר הוגאָ, אדאם מיצקעוויטש, און אנדערע. באקאנט איז דער באנד דאָקומענטן וואָס ער האָט פארעפנטלעכט וועגן ווארשעווער געטאָ, צווישן זיי דער באריכט פון גענעראַל יורגען סטראָאָפּ. ער האָט אויך ארויסגעגעבן די שאפונגען פון די שרײַבערס פון ווארשעווער געטאָ (פעלד, סקאלאָוו, אָפּאָטשינסקי, פּערלע, קירמאן, ווילטשינסקי, גאָלדין און נאָך אנדערע).

אין 1954 האָט ער פון דער פּוילישער וויסנשאפטס־אקאדעמיע באקומען דעם פּראָפעסאָר־טיטל. פאר זײַנע פארדינסטן איז ער אויסגעצייכנט געוואָרן דורך דער פּוילישער רעגירונג מיטן אָרדן „פּאָלאָניאַ רעסטיטוטאַ", מיטן גאָלדענעם פארדינסטקרייץ און מיט א מעדאַל צום 10יעריקן יובל פון פאָלקספּוילן. בײַ די פּוילישע יִדן איז בער מארק שטארק פּאָפּולער ווי א רעדנער. איצט ארבעט ער איבער א טעמע וועגן דער באטייליקונג פון יִדישן פּראָלעטאריאַט אין דער רעוואָלוציע פון 1905, ווי אויך איבער דער פּראָבלעם פון יִדישע פּארטיזאנערס בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער איז הויפּט־רעדאקטאָר פון די „בלעטער פאר געשיכטע".

---

## מעסטל יעקב



געבוירן דעם 25טן פעברואַר 1884 אין זלאָטשעוו (דעמאָלט גאַליציע, איצט מערב־אוקראַיִנע). אין 1905 געענדיקט פּויליש־אוקראַיִנישן לערער־סעמינאַר און די אונטערראַבינער־שול אין לעמבערג. געווען 3 יאָר לערער אין לעמבערגער הויפּטשולע. דערנאָך געענדיקט אין ווין די אָפּיציר־שול און די מלוכישע אקאַדעמיע פאר רעזשי און שוישפּיל. אין 1910 ארײַנגעטראָטן אָלס רעזשיסער און שוישפּילער אין יִדישן טעאַטער אין ווין. געשפּילט אויף דער עסטרײַכישער און גאַליצישער פּראָווינץ, אויך אין בערלין און לייפּציג (דײַטשלאנד), אין יאַס (רומעניע), טשערנאָוויץ (בוקאָווינע). 1914—1918 מיטגעמאַכט אָלס אָבערלייטנאַנט אין דער עסטרײַכישער ארמיי די ערשטע וועלט־מלחמה, געקעמפט כמעט אויף אַלע פראָנטן, 3 מאָל געווען פארווונדעט און באַקומען עטלעכע מעדאַלן. 1919—1920 מיטגרינדער, רעזשיסער און שוישפּילער פון דער „פרײַער יִדישער פאָלקסבינע" אין ווין און לייטער פון דער ערשטער יִדישער טעאַטער־שול.

זײַט 1920 אין אמעריקע. שוישפּילער און רעזשיסער אין מאָריס שווארצס „אידישן קונסט־טעאַטער" און יעקב בן־עמים „פאָלקס־טעאַטער" און צוזאַמען מיט זיי גאַסטראָלירט איבער איירָאָפּע, נאָרד־אמעריקע, קאַנאַדע און זיד־אמעריקע. מיטגרינדער און רעזשיסער פונעם יִדישן טעאַטער „ארטעף" און דירעקטאָר און לערער פון די ארטעף־סטודיעס. צו גלײַך רעזשיסער, שוישפּילער און סצע־

נאַריאָ־שרײַבער פאַר ייִדישע פילמען און ראַדיאָ; איצט אויך שויּ־שפּילער בײַ טעלעוויזיע אויף ענגליש.

דעביוטירט מיט אַרטיקלען אין „וואָרהייט", לעמבערג 1903. געדרוקט לידער אין לעמבערגער „טאָגבלאַט", „ייִדישן פאָלקס־קאַלענדאַר", „ייִדישן אַרבייטער" און אַנדערע אויסגאַבעס, דערנאָך טעאַטער־ און ליטעראַטור־קריטיק אין דער טאָגפּרעסע און אין פאַרשידענע זשורנאַלן אין נאָרד־ און זיד־אַמעריקע און קאַנאַדע. איז מיטאַרבעטער פון דער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע" (ניו־יאָרק), און מיטרעדאַקטאָר פון „לעקסיקאָן פון ייִדישן טעאַטער", פון דעם זשורנאַל „ייִדישע קולטור" (ניו־יאָרק) און פון פאַרלאַג „איקוף".

אין בוכפאָרעם אַרויס — לידער און פּאָעמעס: „פאַרחלומטע שעה'ן (פאַרלאַג ה. אייצקאָוויטש, לעמבערג, 1909, זז' 80); „אַ ליעבענס־ליד" (פ"ג „שולמית", קראָקע, 1911, זז' 60); „וויטאַ הייזד" (פ"ג „שולמית", קראָקע, 1913, זז' 44); „דמיונות" (אייגענער פאַרלאַג, ווין־ניו יאָרק, 1921, זז' 207); „סאָלדאַטן־ און פּאַיאַצן — לידער, פאַרלאַג „בזשאָזאַ", וואַרשע, 1928, זז' 222). אין פּראָזע: „מלחמה־נאָטיצן פון אַ ייִדישן אָפיציר" (פ"ג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, ערשטע אויפלאַגע 1924, צווייטע אויפלאַגע 1927, ערשטער טייל 370 זז', צווייטער טייל 386 זז'). „לוקרעציאַס טויט" (פ"ג יאַטשקאָווסקי, וואַרשע, 1936, זז' 114); „אונדזער טעאַטער (פ"ג „איקוף", ניו־יאָרק, 1943, זז' 199).

געשריבן סצענאַריאָס צו די פילמען „די ייִדישע טאָכטער", „אַ מאָל איז געווען אַ מעשה", „דער אייביקער וואַנדערער", און די ענגלישע קאָמענטאַרן מיט אַ פּראָלאָג צו „תקיעת־כף", „דיבוק" א"א.

איבערגעזעצט אויף ייִדיש (פון דײַטש): „אָט גייט אַ מענטש" פון אַלעקסאַנדער גראַנאַך (פ"ג „איקוף", נ' יאָרק, 1948 זז' 483); „זריעה־צײַט" (פ"ג „איקוף", מעקסיקע, 1949, זז' 324); (פון ענגליש): „פּיסקיל יו עס. עי." פון האַוערד פעסט („ייִדישע קולטור", נ' יאָרק, יוני, 1951); „ליטעראַטור און ווירקלעכקייט" פון האַוערד פעסט („ייִדישע קולטור", יולי 1950) א""א.

פּיעסן, וואָס זענען אויפגעפירט געוואָרן אויף דער בינע, פון דײַטש: „יוד זיס" פון לעאָן פויכטוואַנגער; „דעם שטנס שליחות" פון אַרנאָלד צווײַג; „סינדער־טראַגעדיע" פון ק. שענהער; „פּאַטאַ מאָרגאַנאַ" פון ערנסט וואַידאַ; „פּעריפעריע" („מאָרד" פון פ. לאַנגע) פון ענגליש: „דער ביטערער שטראָם" פון פ. וואָלפסאָן; „דער מאָרגן־שטערן" פון סילוויאַ ריגעדער, „דער גאָלדענער אָדלער" פון אָרניץ, „די וואָס פאַלן", „אייב לינקאָלן אין אילינאָי" פון א. אי. שערווּד, „דער טויט פון אַ סעילסמען" פון מילער, (געדרוקט אין „ייִדישער קולטור", ניו־יאָרק, פון מײַ ביז נאָוועמבער 1950) א"א. פון פּויליש: „די פאַמיליע זאָנענברוך" פון לעאָן קרוטשקאָווסקי (ערשטע סצענע געדרוקט אין „ייִדישער קולטור", דעצעמבער, 1950).

עס זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף דײַטש: קאַפּיטלען פון „מלחמה־נאָטיצן" (איבערגעזעצט יצחק לריינג), אויף אונגאַריש (איבערזעצער: יאָזעף האָלדער) און אויף שפּאַניש: (אין בוענאָס־אײַרעס, אויגוסט, 1931). אויף ענגליש: „קריגסליד" (אין ניו־יאָרק, 1927, איבערזעצער ש. י. אימבער). אויף העברעיש: אין „ספר צבי ביקלס שפּיצער" (פ"ג סנוניות, תל־אביב, איבערזעצער: דב שטוק) און אויך פיל ליטעראַטור־ און טעאַטער־אָפּהאַנדלונגען אויף ענגליש, שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש.

וויכטיקסטע ביבליאָגראַפיע: ז. רײַזען אין „לעקס' פון דער ייִד' ליט'" זז' 458-4'1 — ש. ניגער אין „די ייִדישע וועלט" 1914 זז' 150—151; א. ל. יאַקובאָוויטש, אין „הײַנט" 1922; ד"ר מ. בינענשטאָק אין Nasz Przegląd פון 30טן נאָוועמבער 1923; מ. ווייכערט אין „אונדזער פאָלקסצײַטונג" נומ' 140, 1926; זלמן זילבערצווײַג אין „לעקס' פון ייִד' טעאַטער" זז' 1369-1374! ראָבערט שטריקער אין – Jüdiscbe Zeitung – ווין, 8טן מאַרץ 1912; אב. זמן אין „ייִדישע וועלט" פילאַדעלפיע, אויגוסט 1920; ב. ראָזענצווייג אין Chwila 28/4, 1923; ד"ר מ. בינענשטאָק אין „טאַגנבלאַט" אָקט' 1923; פּראָפ' ד"ר מאיר באַלאַבאַן אין „ליט' בלעטער", 45, 1924; ד"ר א. קליינמאַן אין „די צײַט", ניו־יאָרק 1925; יעקב קירשענבוים אין „די אידישע וועלט" קליוולאַנד, 8טן מײַ 1925; יאָזעף האלדער אין Multes Jövó פעברואַר, 1926; פ. וויערניק אין „מאָרגען זשורנאַל", ניו־יאָרק, מאַרץ 1928; מלך ראַוויטש אין „פאָלקס־צײַטונג" 16טן נאָוו' 1928; נ. בוכוואַלד אין „פרײַהייט" נ'י 29טן פעברואַר 1928; מ. אָלגין אין „פרײַהייט" 21טן דעצ' 1928; משה גראָס אין „ליט' בלעטער" 8טן יוני 1930; ד"ר ל. זשיטניצקי — „די פּרעסע" בוענאָס־אײַרעס 26טן יולי 1931; ש. ראָזשאַנסקי — „די אידישע צײַטונג", בוענאָס־אײַרעס 5טן אויגוסט 1931; קריטיקאַ - Diario Nacional סאַן פּאולאָ בראַזיל, 10טן אָקט' 1931; י. ראַבינאָוויטש —„קענעדער אָדלער", מאָנטרעאָל, 23טן נאָוו' 1932; מ. שטאַרקמאַן — „טאָג" ניו־יאָרק 1944; אברהם טײטעלבוים — „ייִדישע קולטור", מאַרץ 1944.

---

## סאַנדעל יוסף



יוסף סאַנדעל, געבוירן אין 1899 אין קאָלאָמיי. די שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען האָבן אים, אַלס אַכצניעריקן, פאַרטריבן פון דער היים. ביז 1935 האָט ער געוואַנדערט איבער דער וועלט. געווען אין דײַטשלאַנד, עסטרײַך, פראַנקרײַך, יוגאָסלאַוויע. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אַלס קונסט־היסטאָריקער. אין דרעזדן, בערלין, מינכען, פראַנקפורט, סאַאַרבריקען, בעלגראַד האָט ער אײַנגעאָרדנט אויסשטעלונגען פון פּראָגרעסיווע מאָלערס. פאַרפאָלגט דורך די היטלעריסטן, האָט ער אין 1935 זיך אומגעקערט קיין פּוילן ווו ער האָט אָרגאַניזירט אויסשטעלונגען אין קוזמיר בײַ דער ווײַסל, קאָלאָמיי און ווילנע. ער האָט געשריבן אויף קונסטעמעס אין די „ליטעראַרישע בלעטער" און אַנדערע צײַטשריפטן. די מלחמה האָט ער איבערגעלעבט אין ראַטן־פאַרבאַנד ווו ער איז געווען אַ לערער. נאָכן אומקערן זיך קיין פּוילן אין 1946 האָט ער אָנגעפירט מיט דער קונסט־אָפּטיילונג בײַם צענטראַל־קאָמיטעט פון ייִדן אין פּוילן. ער האָט אָרגאַניזירט אַקציעס אָפּצוראַטעווען העכער 1000 ווערטפולע ווערק פון ייִדישער קונסט. ער האָט זיך באַטייליקט אין אײַנאָרדענען די אויסשטעלונג אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט צום 5טן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

**אין פאָלקספּוילן האָט סאַנדעל פאַרעפנטלעכט אין יידיש: „יידישע מאָטיוון אין דער פוילישער קונסט" און אַ מאָנאָגראַפיע וועגן שמואל הירשענבערג. אין פּויליש האָט ער אַרויסגעגעבן אַן אַרבעט וועגן די פאַרלוסטן פון דער יידישער קונסט אַלס פּועל יוצא פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. ער האָט אויך געשריבן אַ סך אַרטיקלען און רעצענזיעס אין די „בלעטער פאַר געשיכטע", „ביולעטין פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט", „פּשעגלאָנד אַרטיסטיטשני" און „יידישע שריפטן". איצט גרייט ער צום דרוק אַן אַרבעט וועגן יידישע פּלאַסטיקער וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין פּוילן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע.**

---

## סטוטשעווסקי יהוכין

יהוכין סטוטשעווסקי, געבוירן דעם 7טן פעברואַר 1891 אין ראָמני (ביי פּאָלטאַווע, אוקראַינע), טשעליסט, קאָמפּאָזיטאָר, מוזיק-לערער און לעצטנס אויך פּיאָנער פון דער ישראל-מוזיק.

ער שטאַמט פון אַ פאַמיליע מוזיקערס פון אַ סך דורות, סיי פון פאָטערס צד, סיי פון מוטערס צד (זיין פאָטער קלמן לייב סטוטשעווסקי איז געווען אַ קלאַרנעטיסט). צו פינף יאָר האָט ער אָנגעהויבן שפּילן פידל און צו 12 — וויאָלאָנטשעל. געענדיקט קאָנסערוואַטאָריע אין לייפּציק, אין 1912. איז אויפגעטראָטן ווי אַ סאָליסט אין פאַרשידענע שטעט פון אייראָפּע און געווען טעטיק ווי אַ פּעדאַגאָג אין יענאַ (דייטשלאַנד), ציריך (שווייץ) פון 1914 ביז 1924, און ווין (עסטרייך) פון 1924 ביז 1938. סטוטשעווסקי, וואָס האָט געהאַט גרויס דערפאָלג ווי אַ טשעליסט אַ ווירטואָז, פאַרנעמט אַ באַזונדער וויכטיקע פּאָזיציע אין דער אַלגעמיינער פּעדאַגאָגיק פון וויאָלאָנטשעל. ער איז דער מחבר פון אַ לערנמעטאָד וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זיין בוך (אין דייטש): „דאָס וויאָלאָנטשעל-שפּיל", אין 4 בענד. ער האָט אויך באַאַרבעט פאַרן דאָזיקן אינסטרומענט די בעסטע ווערק פון דער מוזיקאַלישער וועלט-ליטעראַטור, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך פאַרשידענע פאַרלאַגן. ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר גיט זיך סטוטשעווסקי אָפּ מיט ענטוזיאַזם פאַר דער אויפלעבונג פון דער ישראל-מוזיק. זינט 1938 איז סטוטשעווסקי אין ישראל וווּ ער גיט זיך אָפּ מיט פאַרשפּרייטן די יידישע מוזיק. ער אָרדנט איין קאָנצערטן אין די שטעט, דערפער און קיבוצים, האַלט רעפעראַטן אויף יידישע מוזיק-טעמעס („דער תוך און די אַנטוויקלונג פון דער יידישער מוזיק", „חסידישע ניגונים" א"א). ער האָט פאַרפאַסט נייע קאָמפּאָזיציעס פאַר פּיאַנאָ, טשעלאָ, פידל און אָרקעסטער.

פאַרעפנטלעכטע ווערק: „120 חסידישע ניגונים", „יידישע מוזיק", „מיין וועג צור יודישן מוזיק" (אין דייטש), ווי אויך אַ **געשיכטלעכע אַרבעט וועגן כלי-זמרים.**

---

## פּיניע קאַץ



געבוירן סוף 1881 אין דעם שטעטל גראָסולאָווע, אָדעסער קרייז. דער פאָטער שניאור זלמן, אַן אָרעמער קרעמער, אַ משכיל, אַ זון פון אַ ליבאַוויטשער חסיד. פּ. האָט געלערנט אין חדרים, וועלטלעך וויסן באַקומען אויטאָדידאַקטיש. געלייענט העברעיש, רוסיש און אוקראַיניש. יידיש כמעט נישט געלייענט ביז 1903, כאָטש אַליין געפּרוווט שרייבן לידער און אַ דערציילונג אין יידיש נאָך אַלס 12-יעריקער יינגל. ביז 14 יאָר געהאָלפן דעם פאָטער אין קליינטל און געוואַרט אַז דער פאָטער, וואָס האָט שוין געוווּסט אַז „עבודה איז דער יסוד החברה האנושית", זאָל אים אָוועקגעבן לערנען אַ „מלאכה נקיה וקלה". אַליין געפּרוווט ווערן אַ צייכענער, אַ גראַווירער, אַ שילדןמאָלער. צום סוף זיך געשטעלט פאַר אַ לערניינגל אין אַן איינבינדעריי אין טיראַספּאָל, ביים דניעסטער. די בעל-הבתים האָבן די קאָנצעסיע אויף דער שטאָטישער עפנטלעכער ביבליאָטעק. קאַץ איז אויך געוואָרן דער ביבליאָטעקאַר. דאָ האָט ער געלייענט די אייראָפּעישע ליטעראַטור אין רוסיש און אין דער איינבינדעריי — וואָס נאָר ס'איז אים צו דער האַנט געקומען. אויפן 17טן יאָר — אַן אָדעסער איינבינדער. אין טויטן סעזאָן אַ טאַפּעטן-קלעבער, אַ שטובן-מאָלער, אַ בעקער יינגל, אַן אָנגעשטעלטער אין אַ טאַבאַקגעשעפט... אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ מאַרקסיסטישן קרייזל, אין די „סכאָדקעס", טעטיק געוואָרן אויף די אַרבעטער-בירזשעס, אין פּאַרטיי-פּאָלעמיק... צו 19 יאָר אַ מיטגליד אין דער רוסישער ס"ד. הארבסט 1903 אָפּגעגעבן פאַר אַ זעלנער. געדינט אין דער פּוילישער שטאָט קאַזשעניץ, אַ שטאָט פון יידישע שוסטערס און די רעזידענץ פונעם קאָזשעניצער... אַלס ראָטנע שרייבער, דערנאָך מאָלער אין דער אַרבעטער-ראָטע, געווען פריי צו געבן העברעישע לעקציעס אין גבירישע הייזער און קומען אין קאָנטאַקט מיט קאָזשעניצער שוסטערס, וואָס זענען געווען אונטער דער ווירקונג פון ראַדאָמער בונדאָוועצעס.

ערב דעם גרויסן באַנשטרייק אין 1905, וואָס האָט געבראַכט די צאַרישע קאָנסטיטוציע, פאַרלאָזט די קאַזאַרמע און צוריקגעקומען קיין אָדעס. זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פונעם דרום-רוסישן פאַרבאַנד פון די דרוקער-אַרבעטער. זיין נישט-לעגאַלע לאַגע אַלס דעזערטיר האָט אים אַריינגעוואָרפן אין דער עמיגראַציע.

אַפּריל 1906 אָנגעקומען קיין בוענאָס-איירעס. דאָ שוין געטראָפן אַ היבשע צאָל יידישע אַרבעטער, מערסטנס שניידערס און סטאָליערעס. עס איז צווישן זיי טעטיק געווען די „ביבליאָטעקאַ רוסאַ", וואָס האָט קאָנצענטרירט „איסקראָוועצעס", בונדאָוועצעס און עס-ערן, אַן אַנאַרכיסטישע גרופּע „אַרבעטער-פריינד", אַ פאַראיין פון „עס-עס" (ציוניסטן-סאָציאַליסטן). פון יידישע אויסגאַבעס האָט ער געטראָפן אברהם ווערמאָנטס „פאָלקס-שטיממע" און די ציוניסטישע „יידישע האָפענונג". קיין איינע פון די אָרגאַניזאַציעס איז פּ. קאַץ נישט געווען צום האַרצן. זיי האָבן געמאַכט אַן איינדרוק פון חסידישע קלייזלעך. באַקאַנט האָט ער זיך מיט דעם באַראָכאָוויעץ זלמן סאַרקין, אַ שאַרפער טעאָרעטיקער, וואָס האָט געגרינדעט אַ פּועלי-ציון-פאַראיין, און האָט גענומען איינקנעלן מיט קאַץ

די טעאָריע פונעם סטיכישן פּראָצעס איז פון „דאָ און דאָרט", אַזן קאַץ האָט אים געזאָגט: לאָמיר איבערלאָזן דעם סטיכישן פּראָצעס פירן די ייִדישע עמיגראַציע וווּהין ער וויל און דעם „דאָרט" פאַר די דאָרטיקע, און מיר דאָ וועלן טאָן סאָציאַליסטישע אַרבעט צווישן ייִדן... אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן די טיכטיקסטע גרופּע בויערס פון דעם ייִדישן קולטור־ייִשוב אין אַרגענטינע. אין 1908 איז צו דער גרופּע צוגעקומען לעאָן כאַזאַנאָוויטש, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זײַן אַרבעט צווישן די ייִדישע קאָלאָניסטן קעגן דער יִקאָ־אַדמיניסטראַציע. ער האָט געגרינדעט די געזעלשאַפט „יוגנט" צום קאַמף קעגן דער ווירקונג פון די טמאים אין ייִדישן לעבן, דעם מוטואַליסטישן „ייִדישן אַרבעטער־פאַרבאַנד" און דעם זשורנאַל „ברויט און ערע". סוף 1909 האָט די רעאַקציאָנערע רעגירונג אַרויסגעשיקט סאָרקינען און כאַזאַנאָוויטשן פונעם לאַנד ווי „געפערלעכע" און פּ. קאַץ האָט איבערגענומען די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל. צוליב דער זעלביקער סיבה האָט זיך פאַרמאַכט „ברויט און ערע" נאָכן 5טן נומער, און פּ. קאַץ פאָרט אַרויס אַרבעטן אַי־בערן לאַנד: אין ראָזאַריאָ, מאַר דעל־פּלאַטאַ, אין דער ענטרע־ריאָ־סער פּראָווינץ, ווערט אַ לערער אין אַ יִקאָ־שול. סוף 1912 רופט אים ב. לאַפּין זיך צו באַטייליקן אין אַ טאָגצײַטונג, וואָס האָט שוין געהאַט אַ נאָמען: „פּרימאָרגן" און אַ פאַרלעגער, דער דרוקער ב. דוכאַן. נאָר דער פאַרלעגער האָט חרטה באַקומען און ב. לאַפּין איז אָפּגעפאָרן. פּ. קאַץ ווערט דעמאָלט קאָרעקטאָר אין די „ייִדישע האָפענונג" און אינעם האַלב־בונדישן „אונדזער וואָרט" און מיטרעדאַקטאָר פון אַן אילוסטרירטן זשורנאַל „שטראַלן". דעמאָלט הייבט פּ. קאַץ אָן זײַן איבערזעצערישע אַרבעט פון שפּאַניש און רוסיש. סוף 1914 ווערט ער פאַרבעטן אַלס אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער אין „די אידישע צײַטונג". סוף 1917 רעדאַקטירט ער צוזאַמען מיט י. העלפמאַן 5 שטרייקנומערן בעת אַ שטרייק פון די זעצערס אין יענער צײַטונג און זינט דעם 1טן יאַנואַר 1918, איז ער שעף־רע־דאַקטאָר פון „די פּרעסע", וואָס איז מיט אים געגרינדעט געוואָרן פון אַ גרופּע זעצערס אַלס קאָאָפּעראַטיוו, ביז סוף יוני 1950, ווען זײַנע חברים האָבן זיך געשטעלט אויפן צד פון די איבערפאַלערס אויף צפון־קאָרעאַ.

יוני 1929 איז פּ. קאַץ געפאָרן מיט אַ דעלעגאַציע פון „פּראָקאָר" צו די ייִדישע ערדאַרבעטער־ראַיאָנען אינעם ראַטן־פאַרבאַנד און וועגן זײַן רייזע געדרוקט אַ סעריע אַרטיקלען, וואָס זענען שפּעטער דערשינען אין צוויי בענד פון זײַנע אַרויסגעגעבענע ווערק.

סעפּטעמבער 1937 איז ער דעלעגאַט פון די ייִדישע קולטור אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע און אורוגווײַ צום ייִדישן קולטור־צוזאַמענפאָר אין פּאַריז, און איז מיטגרינדער פון „איקוף". אין משך פון 12 יאָר איז ער געווען פאָרזיצער פון איקוף אין אַרגענטינע, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין 1940. איצט — ערן־פאָרזיצער פון איקוף. ער איז אויך ערן־מיטגליד און ערן־פאָרזיצער אין אַ גאַנצער רײַ ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס. צווישן זיי פון קולטור־הויז י. ל. פּרץ אין ווילא־לינטש און אין אייניקע לאַנדסלײַט־פאַראיינען.

1940 האָט אַ ברייטער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט געפײַערט 40 יאָר געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אַרבעט פון פּ. קאַץ אין אַר־גענטינע און האָט צו דער געלעגנהייט אַרויסגעגעבן 9 בענד פון זײַנע געזאַמעלטע שריפטן.

פון סוף 1952 איז ער געווען איינער פון די ייִדישע דעלעגאַטן אין דער גרויסער אַרגענטינישער דעלעגאַציע צום פעלקער־קאָנגרעס פאַר שלום אין ווין און דערנאָך דער גאַסט פונעם רומענישן אינ־סטיטוט פאַר קולטור־באַציונגען און פון דעם רומענישן איקוף. איצט איז פּ. קאַץ פאָרזיצער פונעם ייִדישן שלום־קאָמיטעט בײַם אַרגענטינער לאַנדראַט פאַר שלום.

## מאַגיסטער קוביאַק חנה



מאַגיסטער קוביאַק חנה געבוירן אין 1908 אין לובלין. שטודירט געשיכטע אין וואַרשע־ווער אוניווערסיטעט. איר פּראָפעסאָר איז געווען מאיר באַלאַבאַן. אין 1931 באַקומט זי דעם דיפּלאָם פון מאַגיסטער פון פילאָסאָפיע אויפן געביט פון געשיכטע. געאַרבעט אין שעדלעץ אַלס לערערין. אין טראַגישע באַדינגונגען האָט זי איבערגעלעבט די היטלעריסטישע אָקופּאַציע, אויסבאַהאַלטן הינטער „אַרישע" פּאַפּירן. נאָך דער באַפרײַונג האָט זי 5 יאָר זיך געמוזט היילן אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר לונגן־קראַנקע. זינט 1950 באַטייליקט זי זיך אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, וווּ זי איז אויך מיטרעדאַקטאָרין. זי האָט פאַרעפנטלעכט אַרבעטן וועגן דער מאַרטיראָלאָגיע פון די ייִדישע קינדער בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, ווי אויך וועגן פאַרבליבענע רעשטלעך פון ייִדישער אַרכיטעקטור אין פּוילן, ספּעציעל פון ייִדישע שילן און בית־עלמינס. איצט נעמט זי אָנטייל אין דער קאָלעקטיווער ביבליאָגראַפישער אַרבעט וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין די יאָרן 1905—1908.

## קוואַטערקאָ אברהם

קוואַטערקאָ אברהם געבוירן אין 1913 אין וואַרשע ווּו ער האָט געענדיקט אַ פאָלקסשול. געווען טעטיק אין אומלעגאַלע רעוו׳ אָרגאַניזאַציעס („פּיאָנער", „פאַרבאַנד פון קאָמ׳ יוגנט") און געשריבן אַרטיקלען אין אומלעגאַלע און האַלבלעגאַלע אויסגאַבעס, ווי „דער בליץ", „דער פרײַנד", „7 טעג".

בעת דער מלחמה איז ער געווען אין ראַטן־פאַרבאַנד, ווּו ער האָט געענדיקט אַ פאָלקסשול. לער אינדוסטריע. נאָכן אומקערן זיך קיין פּוילן אין 1946 איז ער געוואָרן מיטאַרבעטער פון „דאָס נײַע לעבן" און איצט באַטייליקט ער זיך אין „פאָלקסשטימע".

קוואַטערקאָ האָט אָנטיילגענומען אין די יוגנט־פעסטיוואַלן אין בודאַפּעסט, בערלין און בוקאַרעסט ווי אַ דעלעגאַט פון דער ייִדישער יוגנט פון פּוילן און אויך ווי אַ קאָרעספּאָנדענט. ער איז אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַראיין פון ייִדן אין פּוילן און מחבר פון אַ סך אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן.

## קופּפּער אפרים



קופּפּער אפרים, געבוירן אין 1905 אין פּראַשאַוויעץ, קיעלצער וואַיעוואָדשאַפט. א אָפּשטאַמיקער פון א רבנישער משפחה האָט ער געלערנט אין ישיבות און רעלי־גיעזע סעמינאַרן און איז אפילו געפאָרן קיין ארץ ישראל כדי זיך אויסבילדן אויפן יודאַיִסטישן געביט. עטלעכע יאָר פאר דער מלחמה האָט ער זיך אומגעקערט קיין פּוילן, ווו ער איז געווען טעטיק אין דער רעוואָלוציאָנע־נערער באַוועגונג אין פּאַביאַניץ. די מלחמה האָט ער איבערגעלעבט אין ראַטן־פּאַרבאַנד פון וואַנען ער איז צוריקגעקומען אין 1946. ער איז אַוועק קיין נידערשלעזיע און איז געוואָרן פאַרזיצער פון ייִדישן קאָמיטעט אין ביעלאַווע. זינט 1949 אַרבעט ער אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע אַלס וויסנשאַפטלער און אָנפירער פון דער אָפּטיילונג פון כתב־ידן און פון דער ביבליאָטעק. ער האָט פאַרעפנטלעכט א ריי וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן וועגן פּנקסן פון אַלטע קהילות און פון דער השכלה. האָט אויך אָנגעשריבן א מאָנאָגראַפיע וועגן בער מייזעלסן, און צוזאַמען מיטן באַקאַנטן פּוילישן אָריעטאַליסט פּראָפ' טאַדעוש לעוויצקי האָט ער צוגעגרייט צום דרוק א באַנד אַלטע העברעיִשע טעקסטן וואָס שייך די געשיכטעס פון סלאַווישע לענדער. אין איינעם מיט פּראָפ' מארק האָט קופּפּער פאַרעפנטלעכט אַרבעטן וועגן רענעסאַנס בײַ פּוילישע און איטאַליענישע ייִדן. ער איז אויך א מיטרעדאַקטאָר פון דער פּוילישער אָריענטאַליסטישער געזעלשאַפט און אויך רעדאַקציע־מיטגליד פון די „בלעטער פאַר געשיכטע”.

איצט זעצט קופּפּער פאָר זײַן אַרבעט איבער אַלטע העברעיִשע און אַראַמישע כתב־ידן און פאַרנעמט זיך אויך מיט דער פּראָבלעם פון די כוזרים.



# דער לאַנדסלײַט־פֿאַראיין פֿון וואַרשע און אומגעגנט אין אַרגענטינע

וואַרשעווער ייִדן זענען פֿאַראַן אין אַרגענטינע זינט עס איז דאָ דער ייִדישער ייִשוב און זייער באַטייליקונג אויף אַלע געביטן פֿונעם לעבן פֿון לאַנד איז אַ באַדײַטנדיקע.

זיי האָבן מיטגעבראַכט פֿון דער גרויסער היימשטאָט די ענערגיע, דעם לעבנס־אַפּעטיט, דעם אָפּטימיזם און די רירעוודיקייט מיט וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די וואַרשעווער ייִדישע פֿאָלקסמאַסן.

און אַ סך פֿון זיי, דער עיקר די וואָס האָבן אימיגרירט קיין אַרגענטינע מחמת די פּאָליטישע און אַנטיסעמיטישע רדיפֿות מצד די פֿאַשיסטישע פּוילישע מאַכטהאָבערס, זענען געקומען אין דעם לאַ־פּלאַטאַ־לאַנד אָנגעלאָדן מיט אַ גרויסן געזעלשאַפֿטלעכן באַוווּסטזײַן און מיט אַ ווילן ממשיך צו זײַן אין דער נײַער היים די אַלטע טראַדיציעס פֿון קאַמף פֿאַר קולטור און געזעלשאַפֿטלעכן פּראָגרעס.

דער ייִחוס וואַרשע האָט אויף די וואַרשעווער אין דער פֿרעמד אַרויפֿגעלייגט גרויסע התחייבֿותן און מען דאַרף זאָגן אַז די ראָלע פֿון אונדזערע לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע איז נישט קיין מינדערווערטיקע.

וואַרשעווער ייִדן האָבן אַנטוויקלט עטלעכע פֿאַכן אין בוענאָס־אײַרעס ווי שטריקערײַ, בײַטל־מאַכערײַ, שנײַדער־ און קאַמאַשן־שטעפּערײַ און אויך אין אַ גרויסער מאָס מעבל־סטאָלערײַ און אַנדערע.

זיי זענען היפּש פֿאַרטראָטן אין מאַנופֿאַקטור און שנײַדערײַ, און בכלל נעמען זיי אָנטייל אין אַלע אינדוסטריעס און האַנדלס־צווײַגן פֿון דער אַרגענטינער עקאָנאָמיק.

זין און טעכטער פֿון וואַרשעווער, שוין געבוירענע אין אַרגענטינע, זענען הײַנט אָנגעזעענע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשעניערן, לערערס און בכלל פּראָפֿעסיאָנאַלן, וואָס פֿאַרשאַפֿן כּבֿוד זייערע ספּעציאַליטעטן.

עס איז בלויז אַ שאָד וואָס עס זענען נישטאָ קיין סטאַטיסטישע דאַטעס, וועלכע זאָלן אונדז דערציילן וועגן דעם ציפֿערישן אָנטייל פֿון וואַרשעווער ייִדן אין די פֿאַרשידענע לעבנסצווײַגן פֿון דער אַרגענטינער רעפּובליק.

מיר ווייסן אפֿילו נישט וויפֿל וואַרשעווער ייִדן עס געפֿינען זיך אין לאַנד. בכל אופֿן דאַרף מען זיי ציילן אין די פֿיל טויזנטער.

אונדזער לאַנדסלײַט־פֿאַראיין האָט אין אַ געוויסן מאָמענט געהאַט אַריבער טויזנט מיטגלידער.

ווען מען נעמט אין אַכט אַז דער פֿאַראיין האָט אַרומגענומען בלויז אַ קליינעם טייל פֿון די לאַנדסלײַט און אַז בלויז איין מיטגליד פֿון דער משפּחה געהערט צום פֿאַראיין, קען מען זיך שאַפֿן אַ באַגריף ווי גרויס עס איז די צאָל וואַרשעווער אין בוענאָס־אײַרעס.

אָן גוזמא קען מען זאָגן אַז די ייִדישע וואַרשע איז אין אַרגענטינע צאָלרײַכער פֿאַרטראָטן ווי יעדער אַנדער ייִדישע שטאָט פֿון דער אַלטער היים.

און די וואַרשעווער ייִדן האָבן זיך מיט זייער גאַנצן דינאַמיזם און געזעלשאַפֿטלעכן חוש באַטייליקט אין דער פֿאָרמירונג, אַנטוויקלונג און געשטאַלטיקונג פֿון אַרגענטינער ייִדישן ייִשוב.

אונדזערע לאַנדסלײַט: אַבא עסטעריזאָן, אברהם פֿרידמאַן און סאַלאָמאָן ווײַסגראַס זענען געווען די מיטגרינדערס פֿון „אגודת אחים", וואָס איז שפּעטער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּויליש־ייִדישן פֿאַרבאַנד.

וואַרשעווער ייִדן האָבן געהאָלפֿן גרינדן און בויען די חבֿרה קדישא, שולן, דעם שפּיטאָל, דעם ייִוואָ און אַנדערע אינסטיטוציעס — פֿילאַנטראָפּישע, סאַניטאַרע, פֿינאַנציעלע, דערציִערישע און קולטורעלע.

און די זין און טעכטער פֿון דער האָרעפּאַשנער ייִדישער פֿאָלקסמאַסע פֿון דער פּוילישער הויפּטשטאָט האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דעם אַרבעטער־לעבן אין בוענאָס־אײַרעס. זיי זענען געווען די מיטגרינדערס פֿון דעם ייִדישן אַרבעטער־קלוב אין צענטער און פֿון דער שטריקער־סעקציע בײַם אַלגעמיינעם טעקסטיל־סינדיקאַט. אויך די אַרבעטער־קראַנקן־קאַסע, אַן אַלגעמיינער אַרבעטער־אַנשטאַלט פֿון מוטואַליסטישער מעדיצינישער הילף, וואָס האָט געציילט טויזנטער מיטגלידער נישט־ייִדן און ייִדן, האָט געהאַט צווישן אירע שטענדיקע בויערס דעם חבֿר אונדזערן מאַנעס שיינבוים.

און אונדזערע לאַנדסלײַט און אַקטיווע טוערס פֿון אונדזער פֿאַראיין ייִדל דיקשטיין און בעריש דאַמב זענען געווען פֿון די גרינדערס און לאַנגיאָריקע פֿאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פֿון דער „פֿאָלקס־אָרגאַניזאַציע קעגן אַנטיסעמיטיזם" וואָס האָט פֿאַרשריבן אַ שיין בלעטל אין דער געשיכטע פֿונעם קאַמף פֿון אונדזער ייִשוב קעגן דער ברוינער בעסטיע און אירע פֿאַרשטייערס אין אַרגענטינע.

בכלל איז שווער אויסצורעכענען די נעמען פֿון אַלע וואַרשעווער ייִדן וואָס אויף זייער קאָנטע דאַרף פֿאַרשריבן ווערן אַן אַקטיווער אָנטייל אין ייִדישן און אַלגעמיינעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין אַרגענטינע אין אַלגעמיין און אין בוענאָס־אײַרעס בפֿרט. וואָרעם אין וועלכער אינסטיטוציע און אין וועלכע אַלגעמיינע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס — אויסער, פֿאַרשטייט זיך, די ריין לאַנדסמאַנשאַפֿטלעכע — זענען זיי נישטאָ?

אָבער הגם וואַרשעווער ייִדן האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער פאַרצווייַגטער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַרגענטינע און הגם זיי האָבן זיך געפונען אין לאַנד זינט דעם סוף פון 19טן י״ה, האָבן זיי לאַנגע יאָרן קיין אייגענע לאַנדסמאַנשאַפט, קיין אייגענעם פאַראיין נישט געהאַט.

עס קען אויסקומען מאָדנע! בעת לאַנדסלײַט פון קליינע שטעטלעך פון דער אַלטער היים האָבן דאָ גיך געגרינדעט חברות און פאַראייניגן האָבן דווקא די פיל טויזנטער לאַנדסלײַט פון דער עיר הבירה וואַרשע נישט געהאַט קיין אייגענע אָרגאַניזאַציע.

אָבער די דאָזיקע מאָדנעקייט איז אַן אויבנאויפיקע אין גרונט דערקלערט זיך דער ענין גאַנץ פשוט.

די לאַנדסלײַט פון די קליינע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך אַלע פערזענלעך געקענט נאָך אין דער היים. זיי זענען געווען צווישן זיך געבונדן דורך באַקאַנטשאַפט אָדער פרײַנדשאַפט במשך פון אַ סך יאָרן. דערצו איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין דעם קליינעם שטעטל געווען אָן אַ שיר ווייניקער אינטענסיוו ווי אין וואַרשע. דער גרינער לאַנדסמאַן פון דעם קליינעם שטעטל וואָס איז אַראָפּגעקומען אין דעם גרויסן כרך בוענאָס־אײַרעס האָט גלײַך אָפּגעזוכט זײַנע פרײַנד פון דער היים — און זיי האָבן אים אויך געזוכט, אייגנטלעך האָבן זיי אים גאָר אַראָפּגענומען פון דער שיף. דער פאַראיין איז געווען אַ פאַרטיקע זאַך — אפילו ווען ער האָט פאָרמעל נישט עקסיסטירט.

אָבער די טויזנטער וואַרשעווער ייִדן אין אַרגענטינע האָבן זיך פון דער היים מײנסטנס נישט געקענט. אַ סך פון זיי, געזעלשאַפטלעך אַקטיווע אין פּוילן, האָבן אין דעם נײַעם לאַנד גלײַך אָפּגעזוכט די אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס וואָס זענען געווען לויט זייערע סימפּאַטיעס. קיין ספּעציעלע נויטווענדיקייט צו גרינדן אַ לאַנדסלײַט־פאַראיין האָבן זיי נישט געפילט, כל זמן די צײַט האָט פאַר זיי נישט אַוועקגעשטעלט די דאָזיקע פאָדערונג.

דערווײַל האָבן זיך אָנגערוקט די קריגסיאָרן מיט היטלערס מערדערײַען איבער די ייִדן פון די אַלטע היימען. פּוילן, ווײַסרוסלאַנד, אוקראַיִנע, בעסאַראַביע, די באַלטישע לענדער זענען פאַרפלייצט געוואָרן מיט אַ מבול פון בלוט, אין וועלכן עס זענען אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן מיליאָנען פון די נאָענטסטע. וואַרשע, די אייגענע, די לײַבלעכע, די היים פון די קינדער־ און יוגנט־יאָרן, די שטאָט וווּ עס זענען געבליבן טאַטע־מאַמע, ברידער, שוועסטער, קינדער, קרובים, פרײַנד, באַקאַנטע, איז אַרײַנגעפאַלן אין די רוצחישע לאַפּעס פון די נאַצישע באַנדיטן, וואָס האָבן זי געשטיקט, געוואָרגן, געשניטן און צום סוף אומגעבראַכט — נאָך אַן אומפאַרגלײַכלעך־העלדישן ווידערשטאַנד מצד די אויסגעמאַטערטע און אויסגעפײַניקטע ייִדן —.

אין די אַמעריקאַנער לענדער האָבן די ייִדישע מאַסן געפּיבערט מיט די געשעענישן אין אייראָפּע. עס איז נישט געווען פאַר זיי בלויז אַ סענטימענט־זאַך. אויך אין זייערע נײַע היימען האָבן זיי אָנגעהויבן פילן די גיפטיקע ביסן פון די נאַצי־פאַשיסטישע שלענג וואָס האָבן זיך געמערט מיט היטלערס נצחונות. עס זענען געבוירן געוואָרן נאַצישע אויסגאַבעס וואָס האָבן אָפן גערופן צו מאָרד אייבער ייִדן, כוליגאַנישע גאַסן־רעדנערס האָבן געזייט שנאה, די ווענט פון די הײַזער זענען פאַרשמירט געוואָרן מיט אַנטיסעמיטישע רציחה־ווערטער. אין געוויסע לענדער זענען אפילו געווען פּרוּוון פון אַנטי־ייִדישע געזעצן. און ייִדישע נע־וונדניקעס, וואָגלערס פאַריאָגטע פון אייראָפּע, האָבן אומזיסט זיך אַרומגעשלעפּט חדשים־לאַנג אויף שיפן איבער די וואַסערן פון אַטלאַנטיק און פּאַסיפיק כדי זיך צו דערשלאָגן צו אַן אַמעריקאַנער פּאָרט וואָס זאָל זיי אויפנעמען. די טויערן פון די לענדער זענען געווען פאַר זיי פאַרמאַכט ווי פאַר פאַרפּעסטעטע.

איז ווען עס זענען אָנגעקומען די ערשטע גרויל־ידיעות פון דער מלחמה אין אייראָפּע און עס איז קלאָר געוואָרן אַז די דאָרטיקע ייִדישע ייִשובים נייטיקן זיך אין גיכער און שטאַרקער הילף, האָבן זיך דאָ גלײַך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן הילפס־קאָמיטעטן. די ברייטסטע שיכטן פון אַרגענטינער ייִדנטום, אַלע קרײַזן פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן האָבן זיך אָפּגערופן. דאָס געפיל פון סאָלידאַריטעט מיט ברידער געכפּלט אויף דעם האַס צו היטלערן און זײַנע נאַצישע משחיתים האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אין אַ שטאַרקער באַוועגונג פון הילף לטובת די חרוב־געוואָרענע אַלטע היימען, אַ באַוועגונג וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן אַרגענטינער ייִדישן ייִשוב,



קאַמפּיין קאָמיטעט בײַם וואַרשעווער לאַנדסלייט־פאַראיין צו הילף די ייִדן אין פּוילן (1946)

סײַ אין דער הויפּטשטאָט און סײַ אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך ווו עס האָבן געוווינט ייִדן.

און שפּעטער, ווען נאָכן איבערפאַל אויפן ראַטן־פאַרבאַנד, האָבן די נאַצים אָנגעהויבן די מאַסן־אויסראָטונג פון מיליאָנען ייִדן, האָט די דאָזיקע הילפס־באַוועגונג אַן איבערגעגאָסענע אין דער הילף לטובת די אַלײַירטע פעלקער, באַקומען אַ פאַרנעם וואָס קיין אַנדער ייִדישע באַוועגונג אין אַרגענטינע האָט ביז דעמאָלט קיין מאָל נישט געהאַט. גרויס און קליין, אַלט און יונג, מענער און פרויען, ייִדן געקומענע פון אייראָפּע און הי געבוירענע, סוחרים, פּראָפעסיאָנאַלן, אַרבעטערס, כלי־קודש, ייִדן פון אַלע שטאַנדן און פּראָפעסיעס, פון פאַרשידענע פאַרטייען און אידעאָלאָגישע ריכטונגען, האָט מיטגעאַרבעט פאַר איין ציל — צו זאַמלען הילף פאַר די פעלקער וואָס האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט אין קאַמף קעגן די ברוינע באַנדיטן.

וואַלגערט געוואָרן, ווען די נאַצישע אַרמייען זענען געלאָפן פון די אָקופּירטע געביטן, זענען דערגאַנגען אַהער אימהדיקע הילפסרופן פון די לעבן געבליבענע פון די לאַגערן און פון די אויסבאַהאַלטענע אין די וועלדער אָדער אויף דער „אַרישער" זײַט.

די דאָזיקע רופן, וואָס זענען געקומען פון אייגענע לאַנדסלײַט, אָפט מאָל פון קרובים, פון פרײַנד, פון חברים, האָבן נישט געקאָנט בלײַבן אָן אַן ענטפער. און דער ענטפער האָט געמוזט זײַן: הילף, וואָס מער הילף אויף אַן אָרגאַניזירטן, געזעלשאַפטלעכן אופן.

דעמאָלט האָט אַ גרופּע וואַרשעווער געגרינדעט דעם „לאַנדסלײַט־פאַראיין פון וואַרשע און אומגעגנט". געשען איז עס דעם 3טן פעברואַר 1945.

בעת דער גרינדונג האָט די צאָל מיטגלידער באַטראָפן 60. גיך איז דער פאַראיין אַזוי אויסגעוואָקסן, אַז ער האָט געציילט



דער קאַמפּיין־קאָמיטעט בײַם וואַרשעווער לאַנדסלײַט פאַריין גרייט צו אַ טראַנספּאָרט שיך און קליידער פאַר די ייִדן אין פּוילן.

אין יענער הילפס־באַוועגונג האָבן וואַרשעווער ייִדישע מענער און פרויען זיך אַקטיוו באַטייליקט. פיל פון זיי האָבן אַליין בײַגעשטײַערט לויט די מעגלעכקייטן, און אַנדערע, די מער אַקטיווע, זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, געקלאַפּט פון טיר צו טיר, כדי צו נעמען אַ בײַשטײַערונג בײַ אַ ייִדישער פאַמיליע און אַ מאָל אויך בײַ אַ נישט־ייִדישער. אַנדערע האָבן געשטריקט סוועטערס, געניייט הענטשקעס, געמאַכט שיך, לעדערנע מאַנטלען און בכלל קליידער, געוועבט אפילו דעם שטאָף, און דערנאָך עס אַלץ אַוועקגעשיקט אין טראַנספּאָרטן, וואָס האָבן באַטראָפן מיליאָנען פעזעס.

אָבער קיין באַזונדערער וואַרשעווער לאַנדסלײַט־פאַראיין איז נאָך אַלץ נישט געווען. ערשט האַרט פאַרן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ערב היטלערס ענדגילטיקער מפּלה, ווען עס האָט זיך געשטעלט די פּראָבלעם וועגן העלפן דירעקט דעם שארית הפליטה פון די באַפרײַטע שטעט און שטעטלעך, איז אויפגעקומען דער לאַנדסלײַט־פאַראיין פון וואַרשע און אומגעגנט.

ווען די טויערן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן זענען אומגעטויזנט מיטגלידער. דער דאָזיקער שנעלער וווּקס איז געווען דער בעסטער באַווײַז ווי נייטיק עס איז געווען דער פאַראיין.

לאָמיר פאַרצייכענען די גרינדערס און מיטגלידער פון דער ערשטער פאַרוואַלטונג: פּרעזידענט — מאַוריסיאָ פּסאַנקעוויטש, נחום צוקער, בעריש דאָמב, ייִדל דיקשטיין, חיים ליפּאַ, חיים קאָן און אַנדערע.

למען דעם אמת פון דער געשיכטע זאָל דערמאָנט ווערן אַז דער נײַ־געשאַפענער פאַראיין איז געווען די ערשטע פון אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס וואָס האָט געענטפערט אויף די דירעקטע הילפרופן מצד דער שארית־הפליטה. עס איז דאַן אויסגעוויילט געוואָרן בײַ דער לאַנדסמאַנשאַפט אַ ספּעציעלער הילפס־קאָמיטעט פון די ווײַטערדיקע טוערס: משה פלאָרמאַן — פּרעזידענט, נאַטאַן זשעלאָני, בעריש דאָמב, זלמן ראַוויטש, מ. קאָן, לערמער, י. וואָלנאָוויטש, חיים ליפּאַ, נחום צוקער, ג. קאַליקשטיין, ליפּשיץ, זילבערבערג, מאַנעס שיינבוים, ייִדל דיקשטיין, שרה דיקשטיין, יוסף לענגער, רפאל זאַנאַבענד, בלושטיין און יאַדזשע שוואַרץ. דער הילפס־קאָמיטעט האָט

גלײַך געשיקט אַ טעלעגראַמע צום פּאָרזיצער פון צ"ק פון די ייִדן אין פּוילן, ד"ר זאָמערשטיין, ער זאָל תיכף שיקן אַ ליסטע פון די לעבנסגעבליבענע וואַרשעווער. גלײַכצײַטיק האָט ער זיך פאַר־שטענדיקט מיטן פאָרשטייער פון דזשאָינט, ה' ניעוויאַסקי, און האָט טאַקע דורכן דזשאָינט אַוועקגעשיקט אַ באַדייטנדיקע סומע.

זינט זײַנע ערשטע טריט האָט דער פאַראיין געהאַט דאָס גליק צו האָבן אַן אַקטיווע און איבערגעגעבענע פרויען־קאָמיסיע, וועלכע האָט אויסגעפירט גרויסע אַרבעטן, אָרגאַניזאַציאָנעל־אינערלעכע אין דער אינסטיטוציע גופא און אויך אַלגעמיינע — בײַ דער הילפס־טעטיקייט.

דער צוזאַמענשטעל פון דער ערשטער פרויען־קאָמיסיע איז געווען אַזאַ: פּרעזידענטין: רעגינאַ שאַפּיראָ (געשטאָרבן), סעקרע־טאַרין: עלענאַ צוקער, קאַסירערין: פּסאַנקעוויטש, וואָקאַלינס: ליבע

אין די 400, ווו מיר האָבן זיך געפונען אין איינעם מיט דעם הילפס־פאַראיין פון ייִדישע מאָלערס.

די הילפסאַרבעט אין אַרגענטינע לטובת די לעבן געבליבענע ייִדן אין אייראָפּע האָט דערווײַל געהאַלטן אין איין וואַקסן. אין יאָר 1946 איז געגרינדעט געוואָרן דער „פאַראייניקטער קאַמפּיין קאָמיטעט". אונדזער לאַנדסלײַט־פאַראיין האָט מיט אים צוזאַמענ־געאַרבעט און מיר האָבן בײַגעטראָגן אַ גרויסע סומע. און ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „פאַראייניקטער צענטראַלער קאַמ־פּיין־קאָמיטעט צו הילף די מלחמה־געליטענע אין אייראָפּע „אַזשודאַ" האָבן מיר דירעקט און אַקטיוו אָנטייל גענומען אין זײַנע טעטי־קייטן. מיר האָבן אַהין דעלעגירט אונדזערע פאַרוואַלטונגס־מיט־גלידער ייִדל דיקשטיין און משה פלאָרמאַן וואָס זענען דאָרט געווען אונדזערע שטענדיקע פאָרשטייערס און האָבן געטון וויכטיקע



19טער אַפּריל 1948, דער אַקטיוו פון וואַרשעווער לאַנדסלײַט־פאַראיין לייגט בלומען בײַם מאַקעט פון קדושים־מאָנומענט.

קאָהן, שרה דיקשטיין, בערטאַ זאַלצמאַן, אַנאַ פישער (געשטאָרבן), ראָסאַ מאַרדיקס, בעלאַ בעקערמאַן, יאַדזשע שוואַרץ, פרידאַ גאָלד־בערג, מאַניע בירנצווײַג, מאַריאַ באָטשקאָווסקי, אַנאַ צוקער, סאַראַ בינדער און אַדעלאַ לאַנדסמאַן (געשטאָרבן).

דער פאַראיין איז, ווי געזאָגט, גיך געוואָקסן און אין אַפּריל 1945 האָבן מיר דורכגעפירט דעם גרינדונגס־באַנקעט, אין סאַלאָן „אַפּאָלאָ" אויף בולאָן סור מער אין די פינף הונדערטער, מיט אַ באַטייליקונג פון 500 פּערזאָן. באַזונדערס האָט זיך דער פאַראיין שטאַרק אַנטוויקלט, ווען נאָך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 15טן דעצעמבער 1945, זענען אַרײַן אין דער פאַרוואַלטונג פרישע טוערס וועלכע האָבן געפירט די אינסטי־טוציע צו נײַע דערפאָלגן. נישט נאָר איז גרעסער געוואָרן די צאָל מיטגלידער, נײַערט אויך דער געזעלשאַפטלעכער אָנזען פון דער וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט געוואַקסן אין חשיבות און פאַר־נעם. דעמאָלט האָט מען אויך געביטן דעם לאָקאַל פון פאַראיין. מיר האָבן זיך איבערגעצויגן אין אַ געראָמערער דירה, אויף עקוואַדאָר

הילפסאַרבעט. דער פאַראיין גופא האָט געזאַמלט געלט און עס אַוועקגעגעבן אין דער „אַזשודאַ". אָבער אויך קליידער און שפּײַז האָבן מיר געשיקט פאַר די אָפּגעריסענע און אויסגעהונגערטע וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די נאַצים.

אַ טייל זאַכן זענען אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן אין די טאַזשערן (ווערקשטאַטן) וואָס דער פאַראיין האָט מיטגעהאָלפן אַוועקשטעלן. עס זענען דאָרט צוגעגרייט געוואָרן — פּונקט ווי אין די מלחמה־יאָרן — שיך, קליידער, סוועטערס און אַנדערע זאַכן און אין גרוי־סע קאַסטנס פלעגט מען עס אַוועקשיקן קיין פּוילן. דער ענטוזיאַזם בײַ דער דאָזיקער אַרבעט איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער — יעדער מאַן און יעדע פרוי וואָס האָבן דערין אָנטייל גענומען האָבן געוווּסט ווי נייטיק עס זענען די קליידער אין חרובן פּוילן, ווי שטאַרק עס וואַרטן אויף אונדזער הילף די הונגעריקע און פאַר־שמאַכטע לעבנס געבליבענע ברידער, די פאַריתומטע רעשטן פון דעם אַמאָליקן דרײַמיליאָניקן פּוילישן ייִדנטום.

הגם אין אַלגעמיין איז די הילף געגאַנגען פון אָרגאַניזאַציעס

צו אָרגאַניזאַציעס ד"ה פון דער „אַזשודאַ" צו דעם צ"ק פון די ייִדן אין פוילן, האָט דער פאַראיין אויך געשיקט פעקלעך אויף פריוואַטע אַדרעסן, לויט אינדיווידועלע פאָדערונגען. מען האָט קיינעם נישט אָפּגעזאָגט קיין הילף, אויב ער האָט נאָר געבעטן. מיר האָבן זיך אויך אָפּגעגעבן מיט אויפזוכן ביי אונדז אין לאַנד קרובים פון וואַרשעווער לעבן געבליבענע. די דאָזיקע אַרבעט איז געווען זייער אַ וויכטיקע, ווען מען נעמט אין אַכט אַז דורך געפינען אַ קרוב, אַ נאָענטן אָדער אַ פריינד אין דער ווייטער אַרגענטינע האָבן מיר פאַרקלענערט די טראַגישע איינזאַמקייט פון פיל, פיל ייִדן, וואָס האָבן פאַרלוירן אַלעמען און זענען געבליבן איינער אַליין אויף גאָטס וועלט.

בכלל האָט זיך אונדזער פאַראיין באַטייליקט אין אַלע אַקציעס פון דער „אַזשודאַ". אַזוי, צב"ש, האָבן מיר אין איינעם מיט אונמעכיאַ, אין דער פּרעכטיקער קינטע (גאָרטן) וואָס די נישט־ייִדישע פרוי קאָמפּאַזשי האָט געגעבן פאַר דעם צוועק. די הכנסה פון דער פייערונג איז, פאַרשטייט זיך, געגאַנגען פאַר די הילפצוועקן. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט דעם כבוד און דאָס פאַרגעניגן צו באַגעגענען זיך אויפן יום־טוב מיטן האַנדלס־פאָרשטייער אין אַרגענטינע פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטישער פוילישער רעגירונג ה' האָפּמאָקל, וועלכער האָט אין זיין באַגריסונגס־וואָרט אונדז געדאַנקט פאַר דער הילף און גלייכצייטיק אונטערגעשטראָכן אַז ווען אין פוילן וואָלט אין אָנהייב קריג געווען אַזאַ רעגירונג ווי די איצטיקע וואָלט די ייִדישע טראַגעדיע נישט געווען אַזאַ שוידערלעכע, אויב זי וואָלט אין גאַנצן נישט אויסגעמיטן געוואָרן.

דעם 16טן אויגוסט פון זעלבן יאָר 1947 האָט דער פאַראיין דורכגעפירט אַ דערפאָלגרייכן פּראָקלאַמירונגס־באַנקעט פאַר דער




אַקט ביים מאַקעט פון מאָנומענט דעם 19טן אַפּריל 1948 אין סאַלאָן „אַרכענטינאַ" (בוענאָס־איירעס)

דזער פרויען־קאָמיסיע אַקטיוו געהאָלפן צו רעאַליזירן דעם באַשלוס פון דעם „פאַראייניקטן צענטראַלן קאַמפּיין־קאָמיטעט" וועגן אויפמאָנען ביי דער ייִדישער באַפעלקערונג דעם באַטרעף פון אַ טאָג וואַקאַציעס, וואָס דאָס איז געגאַנגען פאַר דער הילפסאַרבעט. די דאָזיקע אַקציע האָט אַריינגעבראַכט אַן אָנגעזעענע סומע.

מיר האָבן אויך געהאָלפן די אָכאָטער לעבן געבליבענע. עס איז אָנגעקומען אין פאַראיין אַ בריוו פון פּאַריז, פון די דאָרטיקע אָכאָטער, אַז זיי פירן דורך אַ זאַמלונג פאַר די לאַנדסלייט וואָס זענען געבליבן אין די לאַגערן. האָבן מיר צוזאַמען מיט אונדזערע אייגענע אָכאָטער רעאַליזירט אַ בליצקאַמפּיין און דעם באַטרעף אַוועקגעשיקט קיין פּאַריז.

אין פעברואַר 1947, ווען עס איז אויסגעפאַלן דער צווייטער יאָרטאָג זינט דער גרינדונג פון פאַראיין, האָבן מיר דעם יום־טוב פון אונדזער אינסטיטוציע געפייערט דורך אַן אַסאַדאָ אין ראַמאָסהילפסאַרבעט. די רעזולטאַטן, סיי די מאַטעריעלע, און סיי די מאָראַלישע, זענען געווען באַדייטנדיקע. אויך גרויסע רעזולטאַטן האָבן מיר באַקומען ווען דער „פאַראייניקטער צענטראַלער קאַמפּיין־קאָמיטעט" (אַזשודאַ) האָט פּראָקלאַמירט אַ זיבן־מיליאָן קאַמפּיין. מיר האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט און דער ביישטראָג פון די וואַרשעווער איז געווען זייער אַן אָנגעזעענער. די „אַזשודאַ" האָט דעמאָלט אַוועקגעשיקט אַ טראַנספּאָרט קליידער און שפּייז קיין פוילן מיט דער שיף „ביאַליסטאָק", האָט אונדזער פאַראיין מיטגעשיקט 8 קאַסטנס מלבושים און שיך פאַר וואַרשעווער אין פאַרשידענע פוילישע שטעט. אין אַ צייט אַרום האָבן מיר באַקומען אַן ענטפער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די ייִדן אין פוילן מיט אַ גענויער רשימה פון די ערטער ווו די זאַכן זענען פאַרטיילט געוואָרן.

זאָל דאָ געזאָגט ווערן אַז אונדזערע פאָרשטייערס ביי דער הילפס־טעטיקייט פון דער „אַזשודאַ" האָבן נישט נאָר אַקטיוו מיט־

געאַרבעט, נײַערט זיי האָבן געקעמפט פאַ'ן שטאַנדפּונקט אַז די הילף דאַרף זײַן אַ קאָנסטרוקטיווע אָבער נישט קיין קצבה־הילף. אין דער „אַזשודאַ" זענען געווען פאַרטראָטן די ברייטסטע קרײַזן פון דער יִידישער באַפעלקערונג מיט פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס, שטעלונגען און אָנשויונגען. עס איז געווען אומפאַרמײַדלעך אַז נישט אַלע זאָלן מסכים זײַן אויף די זעלבע פאָרמען פון דער שטיצע. אונדזערע חברים האָבן וועדטפּול בײַגעטראָגן פאַר אַן באמת סאָלידאַרישער, באמת ברידערלעכער און באמת קאָנסטרוקטיווער הילף.

נײַ־יאָר 1947 איז בײַ אונדז געווען אַן אמתע געשעעניש! מיר האָבן אויף אונדזער יום־טוב אויפגענומען די דעלעגאַציע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די יִידן אין פּוילן, פּראָפ' זאַק און רבקה וואָיסקאָווסקאַ, וואָס זייער מיסיע דאָ איז באַשטאַנען אין פאַרשטאַרקן די הילפסאַרבעט פאַר די לעבן געבליבענע. דער וואַרשעווער לאַנדסלײַט־פאַראיין, וואָס האָט מיטגעהאָלפן צום דערפאָלג פון די אומפאַרגעסלעכע אַקטן אויף וועלכע עס זענען אויפגעטראָטן די 2 לעבעדיקע עדות פון מאַרטירערישן פּוילישן יִידנטום, האָט באַשטימט צו געבן די דעלעגאַטן טויזנט דאָלאַר פאַר אַ יִידישער שנײַדער־קאָאָפּעראַטיווע אין פּוילן.

זאָל דאָ געזאָגט ווערן אַז די מיסיע האָט געבראַכט רעזולטאַטן. זאַק און וואָיסקאָווסקאַס שילדערונגען פון די לאַגערן, פון די קאַמפן און פון דעם חורבן, אָבער אויך פון דעם נײַעם אויפגאַנג פון קליין געוואָרענעם יִידישן יִשוב אין פּוילן האָט פיל, בײַגעטראָגן פאַר דער אויסוויקלונג פון דער הילפס־טעטיקייט.

דער פאַראיין איז כסדר געוואָקסן. די פריִערדיקע דירה איז שוין געווען צו קליין, האָט מען זיך אַריבערגעצויגן אין די איצטיקע געראַמע און באַקוועמע לאָקאַלן אויף לאַוואַזשע 4635, וווּ עס געפינט זיך אויך די אין יאָר 1954 געגרינדעטע לײַקאַסע „לאַוואַזשע".



טוּרס פון וואַרשעווער לאַנדסלייט־פאַראיין וואָס האָבן צוגעגרייט די אויסשטעלונג פון געטאָ־בילדער (1949)

דער וווּקס פון פאַראיין האָט זיך אויסגעדריקט נישט בלויז אין דער פאַרגרעסערטער צאָל מיטגלידער, נישט בלויז אין די דערפאָלגן פון די זאַמלונגען, נאָר אויך אין די עפנטלעכע אַקטן וואָס מיר האָבן אָרגאַניזירט. צו די עפנטלעכע אונטערנעמונגען פלעגט קומען אַ גרויסער עולם סײַ ווען מיר פלעגן זיי אָרגאַניזירן אין איי־גענעם לאָקאַל, און סײַ אפילו ווען זיי פלעגן דורכגעפירט ווערן אין גרויסע גערדונגענע זאַלן.



אויפנעם־אָוונט פאַר די דעלעגאַטן פון צ"ק פון די יִידן אין פּוילן, פּראָפ' זאַק און רבקה וואָיסקאָווסקאַ

אַ שטיקל צײַט האָט עקסיסטירט אַ יוגנט־סעקציע, „סיכאָווע", בײַ אונדזער אינסטיטוציע. קינדער פון וואַרשעווער, יוגנטלעכע וואָס האָבן געהאַט אַן אינטערעס פאַר קולטור און ספּאָרט, האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ גרופּע, וואָס האָט געהאַט צו פאַרצייכענען היפּשע דערפאָלגן.

גאָר גרויסע אַקטן פלעגט אונדזער פאַראיין דורכפירן יאָר־יערלעך דעם 19טן אַפּריל, צום יאָרטאָג פון געטאָ־אויפשטאַנד. פאַקטיש זענען מיר געווען פון די איינצלנע יִידישע אינסטיטוציעס

וואָס האָבן אַזעלכע דערמאָנונגען אײַנגעאָרדנט. אַ באַזונדער שטאַרקן אײַנדרוק האָט איבערגעלאָזט אויף דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג פון בוענאָס־אײַרעס דער אַקט וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן צום פערטן יאָרטאָג פון די קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ. דער סאַלאָן פון דער חברה קדישא האָט ווײַט נישט געקענט אַרײַננעמען די טויזנטער ייִדן וואָס זענען געקומען אָפּגעבן כבוד די געפאַלענע העלדן און וועלכע האָבן אויסגעפילט אַ היפּשן טייל פון דער קוואַדרע פון דער גאַס פּאַסטעור. אויפן אַקט האָט זיך געפונען דער פּוילישער האַנדלס־מיניסטער האָפּמאָקל און אין קינסטלערישן טייל זענען אויפגעטראָטן חבל בוזגאַן און רבקה שילער. ס׳איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכע פאַרזאַמלונג, דורך וועלכער עס זענען געקומען צום אויסדרוק די פּרעסטיזש פון אונדזער פאַראיין, זײַן געוואָקסן אַ נעץ פון נײַע לאַנדסמאַנשאַפטן און די אַלטע האָבן אויך פאַרשטאַרקט זייער טעטיקייט, איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט דאָס שאַפן אַ צענטראַלע פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, אַ פעדעראַציע וואָס זאָל קאָאָרדינירן און אָריענטירן זייער אַרבעט. אונדזער פאַראיין, ווי איינער פון די גרעסטע אין אַרגענטינע, האָט פיל בײַגעטראָגן בײַם אָרגאַניזירן די „פעָדעראַציע”. אויך שפּעטער האָבן מיר זיך שטאַרק באַטייליקט אין איר לעבן. און ווען די „פעדעראַציע” האָט אין 1948 געשיקט אַ דעלעגאַציע פון דרײַ פון אירע פאָרשטייער קיין פּוילן, צום אָפּדעקן דעם מאָנומענט פאַר די געפאַלענע העלדן אין אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ, איז איינער פון זיי געווען ח׳ מאַנעס שיינבוים, אונדזערער אַן אַקטיווער טוער. די דעלעגאַציע, (חיים אַפּעל, איסאַק הויכגעלערנטער און מאַנעס שיינבוים) האָט באַזוכט פאַרשידענע שטעט אין פּוילן, זיך באַקענט סײַ מיט די שרעקלעכע חורבנות וואָס דער נאַציזם האָט גורם געווען און סײַ מיט די ערשטע אָנזאָגן אויף אַ נײַעם לעבן. זי איז געווען אין אָשוויענטשים, מײַדאַנעק, טרעבלינקע און האָט געבראַכט קיין אַרגענטינע אַ קעסטל אַש פון די קדושים וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס. מיט אַן אומפאַרגעסלעכן האַרצרײַסיקן טרויער וועלן די בוענאָס־אײַרעסער ייִדן דערמאָנען אויף אַלע אייביקייטן יענעם זונטיק ווען אויפן בית־עולם פון טאַבלאַדאַ איז דאָס אַש געבראַכט געוואָרן צו קבורה. דאָס פאַרזאַמלטע פאָלק פון טויזנטער מענער און פרויען האָט באַוויינט דעם גורל פון מיליאָנען ברידער און שוועסטער, פון די אומשולדיקע קרבנות פון היטלערס רוצחישן משוגעת, וואָס האָט אויסגעראָטן,



בײַם מקבר־זיין דאָס קעסטל אַש וואָס אונדזער דעלעגאַציע האָט געברענגט פון די קרעמאַטאָריעס. בית־עולם אין טאַבלאַדאַ (בוענאָס איירעס)

חשיבות צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג און די צוגעבונדנקייט וואָס עס פילן צו אים די אייגענע מיטגלידער. פאַר אונדזערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער איז עס געווען אַ טאָג פון דער גרעסטער סאַטיספאַקציע. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז מיר גייען אויף אַ ריכטיקן וועג, אַז מיר רופן זיך אָפּ אויף אַלע געשעענישן וואָס אינטערעסירן די ייִדישע פאָלקסמאַסן אין אַרגענטינע, און דערפאַר איז זייער באַציִונג צו אונדז אַזאַ גינסטיקע, אַזאַ וואַרעמע און אַזאַ געזעלשאַפטלעכע.

אונדזער לאַנדסלײַט־פאַראיין האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין דער שאַפונג פון דער „פעדעראַציע פון די ייִדישע לאַנדסלײַט־פאַראיינען אין אַרגענטינע”. בײַם סוף פון קריג, ווען אין שײַכות מיט די פּראָבלעמען פון שיקן הילף פאַר דער שארית־הפליטה איז אויס־

פאַרטיליקט, פאַרברענט, אויסגעשטיקט דורך גאַז, צעשאָסן, באַגראָבן לעבעדיקערהייט, פאַרפּייניקט דורך הונגער כמעט צוויי דריטל פון יידישן פאָלק אין מזרח־איראָפּע.

דער 18טער אַפּריל 1948, ערב דעם פינפטן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן אין די אַנאַלן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַרגענטינע. עס איז דעמאָלט דורכגעפירט געוואָרן אַ דערמאָנונגס־אַקט אין דעם גרעסטן בוענאָס־אײַרעסער לאָקאַל — אין לונאַ־פּאַרק, צו וועלכן עס זענען געקומען 25 טויזנט מענטשן. דאָס איז געווען אַן אַקט פון אמתער יידישער אייניקייט, אָרגאַניזירט אויף אַ בשותפותדיקן אופן דורך דער „דאַיאַ", דעם פּוילישן פאַרבאַנד און דעם וואַרשעווער לאַנדסלײַט־פאַראיין. דער פּרעזידענט פון אונדזער אינסטיטוציע איז געווען דאָרט איינער פון די רעדנערס. די דאָזיקע גרויסע פאַרזאַמלונג איז, צום באַדויערן, געווען איינע פון די לעצטע ווו עס איז געקומען צום אויסדרוק דער געמיינזאַמער ווילן פון די יידן פון די נאַצישע גרוילטאַטן, פאַר וועלכע די באַזוכערס זענען דורכגעגאַנגען אין שטילשווייַגן און טרערן.

---

צו די הילף־טעטיקייטן פון אונדזער פאַריין דאַרף צוגערעכנט ווערן דאָס העכסט אַקטיווע באַטייליקן זיך אין דער אַרבעט פון „פאַראייניקטן קאַמפּיין" אין יאָר 1948, בעת די קאַמפן פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין ישראל קעגן דעם ענגלישן אָקופּאַנט און פאַר זייער מלוכישער זעלבסטשטענדיקייט און פאַר דער אויפשטעלונג פון דער מדינה. מיר האָבן דאַן צוגעטראָגן בײַ די הונדערט טויזנט פּעזעס.

מיר האָבן אויך אָנטייל גענומען אין דער אַקציע פון דער „פּעדעראַציע פון די לאַנדסמאַנשאַפטן" בײַם שיקן מצד דעם „רויטן מגן־דוויד" אַמבולאַנסן קיין ישראל. די „פּעדעראַציע" האָט געשיקט אַן אַמבולאַנס, צו וועלכן אויך די „וואַרשעווער" האָבן בײַגעטראָגן.

פאַרוואַלטונג פון לאַנדסלײַט־פאַראיין פון וואַרשע און אומגעגנט פּעריאָד 1954—1955



עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: נחום צוקער, קאַרלאָס נאַפּטאַל, מאַנעס שיינבוים (קאַסיר), נתן ראַדזאַנאָווסקי (פּאָרזיצער), יוסף לענגער (סעקרעטאַר), מלך פריידענרייך, בעריש דאָמב.
עס שטייען די אונטערשטע רײַ פון רעכטס צו לינקס: גדליה קאַליקשטיין, קאַרלאָס מאָטשידלאָווער, אברהם רעגענבוים, משה פּלאָרמאַן, יידל דיקשטיין, הערשל גאָלדשטיין, שלמה שמידט, הערשל בוראַקאָווסקי, פּנחס זלאָטאָ.
עס שטייען די אויבערשטע רײַ פון רעכטס צו לינקס: וועלוול סאַפּירשטיין, משה גאָלדשטיין, לייביש שוואַרץ, מאַטעס נאַבעל, נאַטאַן זשעליאָני, מאָניש מאַרדיקס, אברהם אָסטראָווער, יוסף בלושטיין.

פון פאַרשידענע קרייזן צו קעמפן קעגן נאַציזם און זיך קעגנשטעלן זײַן פאַרויסמאַרש אין דער וועלט. שפּעטער זענען געקומען יאָרן פון צעשפּליטערונג.

אויף צו מאָרגנס נאָכן דאָזיקן אַקט, מאָנטיק דעם 19טן אַפּריל, פּונקט צום יאָרטאָג פון אויפשטאַנד, אין טאָג ווען מען האָט אין וואַרשע אַנטהילט דעם געטאָ־מאָנומענט, האָט דער וואַרשעווער לאַנדסלײַט־פאַראיין דורכגעפירט אַ צווייטן אַקט, אין סאַלאָן „אַרגענטינאַ", וווּהין עס איז געבראַכט געוואָרן אַ מאַקעט פונעם דענקמאָל. דער מאַקעט, אַ קונסט ווערק פון קינסטלער בן עמי, אויף דער באַשטעלונג פון וואַרשעווער לאַנדסלײַט־פאַראיין אין אַרגענטינע, איז שפּעטער איבערגעגעבן געוואָרן דעם היגן ייוואָ.

בײַם מאַקעט איז געשטאַנען אַן ערנוואַך און טויזנטער יידן האָבן יענעם אָוונט אָפּגעגעבן כבוד די יידן־גיבורים געפאַלענע אין קאַמף. עס איז אויך געווען אַן אויסשטעלונג פון פאָטאָגראַפיעס

אויך ווען די „פּעדעראַציע" איז אָנגעגאַנגען מיטן קאַמפּיין פון הייזערבוי אין מדינת ישראל, האָט אונדזער פאַרוואַלטונג דעלעגירט איר מיטגליד, דעם ח' בעריש דאָמב, ער זאָל מיטאַרבעטן אין דער דאָזיקער אַקציע. חוץ דעם האָט דער וואַרשעווער לאַנדסלײַט־פאַראיין בײַגעשטײַערט אַ סומע געלט, אין באַטרעף פון אייניקע הײַזער, אויפן נאָמען פון אונדזער היימשטאָט וואַרשע.

דאָס גלײַכן האָט אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיט דעם שליח פון די יידישע קינדערהיימען אין פראַנקרײַך, פ' פאַרבער, וועלכער איז געקומען אַהער מיט דער מיסיע צו זאַמלען הילף פאַר די אַנשטאַלטן וואָס האַלטן אויס די יתומים וועמעס עלטערן זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצים. זינט פאַרבערס באַזוך ווערן פּערמאַנענט דורכגעפירט זאַמלונגען פאַר אַזעלכע קינדער־אינסטיטוציעס אין פראַנקרײַך און ישראל.

דער פאַראיין גיט אויך זײַנע בײַשטײַערונגען פאַר יידישע

אינסטיטוציעס אין בוענס־אײַרעס. ער זאָגט נישט אָפּ זײַנע יער־לעכע און אויך ספּעציעלע און אויסערגעוויינלעכע בײַטראָגן פאַרן איפּט, איקוף, יִיוואָ, דער זשיטלאָווסקי־שול, שלום עליכם־שול, דער ביאַליק־שול און אַנדערע וועלטלעכע שולן, „אָרט", די ביידע אַזילן, דער ליגע קעגן טובערקולאָז, דעם ייִדישן שפּיטאָל. ווען אין שפּיטאָל איז דערעפנט געוואָרן דער נײַער פּאַוויליאָן, האָט אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אויף איר חשבון אויסגעשטאַט אַ קינ־דער־קאָנסולטאָריע, וווּ עס הענגט טאַקע אַ שילדל מיט דער אויפ־שריפט „געשאָנקען פון וואַרשעווער לאַנדסלײַט־פאַראיין".

אין די צען יאָר פון זײַן עקסיסטענץ האָט דער פאַראיין בײַגע־שטײַערט פאַר הילפצוועקן אָנדערטהאַלבן מיליאָן פּעזעס. דאָס איז באמת אַ גרויסע סומע.

דער פאַראיין האַלט אָן חברלעכע און לאַנדסמאַנשאַפטלעכע

פרויען־קאָמיסיע בײַם וואַרשעווער לאַנדסלײַט־פאַראיין



עס זעצן פון רעכטס צו לינקס: נאַטקע פריידענרייך, חיהלע ווײַנשענקער (קאַסירערין), מאַניע בירנצווייג (פּאָרזיצערין), ראַקעל ליפּשיץ (סעקרעטאַרין), העלאַ זלאָטאַ, דאָראַ רעגענבוים.
עס שטייען די אונטערשטע רײַ פון רעכטס צו לינקס: באַלבינע קאַליקשטיין (וויצע פּאָרזיצערין), ראָכטשע מאָטשידלאָווער, פייגע אָסטראָווער, פערל דאָמב, יאַדזשאַ שוואַרץ, ראָסאַ מאַרדיקס, ראָסאַ שידלאָווסקי, האָדעס ראַדזאַנאָווסקי.
עס שטייען צווייטע רײַ: זאַהאַוואַ גינסבורג, באַלטשע זעלטמאַן, גיטל בערעלסאָן, שרה דיקשטיין, פריידע גאָלדבערג, חנה צוקער.

פאַרבינדונגען מיט וואַרשעווער אינסטיטוציעס אין אַנדערע לענדער. מיר שטייען אין פּערמאַנענטן קאָנטאַקט מיט די וואַרשעווער פאַר־איינען אין אורוגווײַ, פראַנקרײַך, בראַזיל, ניו־יאָרק — און פאַר־שטייט זיך אויך מיט פּוילן. אויף דער פאַרבעטונג פון די „וואַרשע־ווער" אין מאָנטעווידעאָ, צו דער אוניווערסאַר־פײַערונג פון זייער אינסטיטוציע, זענען דעלעגירט געוואָרן אַהין אונדזערע פאַרוואַל־טונגס־מיטגלידער ייִדל דיקשטיין און נאָטאַן זשעליאָני, און אויפן אַללאַטײַנאַמעריקאַנישן צוזאַמענפאָר פון די פּוילישע ייִדן, וואָס איז פאָרגעקומען אין ריאָ־דע־זשאַנײַראָ אין 1953, האָט אונדז פאַר־טראָטן אונדזער סעקרעטאַר יוסף לענגער. לאָמיר דאָ דערמאָנען אַז בעת זײַן זײַן אין בראַזיל האָט ח' לענגער גענאָסן פון אַן עכטער פרײַנדשאַפטלעכער מיטאַרבעט מצד די בראַזיליאַנער פּוילישע ייִדן

בײַם זאַמלען בײַשטײַערונגען פאַרן „פנקס וואַרשע".

ח' לענגער האָט אויך געבראַכט 50 טויזנט פראַנק פון דעם וואַרשעווער־אַכאָטער־פּאָוואָנזקער־פאַראיין אין פּאַריז בײַ זײַן באַ־זוך אין פראַנקרײַך אין 1954.

היפּשע אויפטוען האָט אונדזער פאַראיין צו פאַרצייכענען וואָס שייך קולטור־טעטיקייט. עס עקסיסטירט אין פאַראיין אַ ביב־ליאָטעק מיט קנאַפּע טויזנט ביכער אין ייִדיש און אויך אין שפּאַ־ניש, וואָס ציילט אַ גרויסע צאָל לייענער. אונדזערע איבערגעגעבענע טוערס גדליה קאַליקשטיין און וועלוול סאַפּירשטיין זענען ממש אומ־דערמידלעך בײַם שאַפן איר גוטע פונקציאָנירונג און בײַם אײַנ־האַנדלען נײַע ביכער. מיר אָרדענען אויך אײַן קולטור־אָוונטן און רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע טעמעס. אַזוי האָבן די טריבונע פון אונדזער פאַראיין פאַרנומען די חשובע פרע־לעגענטן פיניע קאַץ, בצלאל בליץ, פאַליק קאַטאָווסקי, שניאור וואַ־סערמאַן, יאָסל גאָלדבערג, ד"ר ל. זשיטניצקי, מיכאַל גערבעראָוו, — פון די אַרגענטינער, און די אויסלענדישע קולטורגעסט זישע ווײַנפּער, בן־ציון גאָלדבערג,, מרים ראַבינאָוויטש גאָלדבערג (שלום עליכמס טאָכטער), פּסח נאָוויק, אַלמאַזאָוו, איסר גאָלדבערג, יעקב ראָטבאָום, דאַווידאָוויטש און אברהם ביק. עס איז שוין אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט אַז דער „וואַרשעווער לאַנדסלײַט פאַראיין אין אַרגענטינע" זאָל אויפנעמען און זאָל געבן זײַנע סאַלאָנען פאַר מענטשן וואָס מיט זייער וואָרט ברענגען זיי אַרײַן דערהויבונג און קולטור. הלוואי וואָלטן מיר געקאָנט רעאַליזירן אונדזער שטרעבונג אַזוי אָפט ווי מיר ווילן.

צו די גרויסע קולטור־אָוונטן פון אונדזער פאַראיין דאַרף פאַר־

רעכנט ווערן די געזעגענונג פאַר די טעאַטער־קינסטלערס רבקה שילער און חבל בוזגאַן ערב זייער אָפּפאָר קיין פוילן. עס איז געקומען דאַן אַ גרויסער עולם, וואָס דאָס האָט געוויזן אַז די ייִדישע פאָלקסמאַסן האָבן אַ ביז גאָר ערנסטע באַציִונג צום בעסערן ייִדישן טעאַטער און צו זײַנע טרעגערס. עס קלינגען נאָך איצטער אין די אויערן די צאַפּלדיקע ווערטער פון רבקה שילער: „ערשט הײַנט, דאָ אויף דער געזעגענונג־אַקט פאַר אונדז, פיל איך וואָס עס הייסט באַציִונג צום טעאַטער, וואָס עס הייסט האָבן אַזעלכע וואַרעמע צושויערס ,גֶעמען עס פאַרבינדט מיט אונדז די ליבע צו דער עכטער ייִדישער בינעקונסט... אייביק וועלן מיר, איך און חבל, געדענקען דעם הײַנטיקן אָוונט, וועלכער האָט אונדז געגעבן אַזוי פיל וואַרעמקייט און גלויבן אין דער עקסיסטענץ פון אַ טײַערן ייִדישן פּובליקום..."

מיר האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ פּאָעטיש בוך „דאָס ליד פון



דער לייענער־קרײַז „19טער אַפּריל" בײַם וואַרשעווער לאַנדסלײַט־פאַראיין.

מײַן היים" פון אונדזער לאַנדסמאַנקע, דער יונגער דיכטערין רחל מינצעס. די דאָזיקע פּאָעמע, געהייליקט וואַרשע, פירט אונדז איבער די וואַרשעווער ייִדישע גאַסן און בעל־מלאכישע שטובן, ווו בײַ די צאַנקנדיקע ליכטלעך טויכט אויף דאָס רעוואָלוציאָנערע באַוווסטזײַן פון דעם ייִדישן אַרבעטער־פאָלק. מיר גייען דערנאָך צוזאַמען מיט דער דיכטערין איבערן געטאָ וואָס ווערט פאַרצערט דורך די פײַערן וועלכע עס צינדן אָן די נאַצישע משחיתים פון אויבן און אונטן. מיר געפינען זיך אין איינעם מיט די העלדן, מיט די אויפשטענדלערס, מיט די פאַרטיידיקערס פון ייִדישן כבוד, מיט די פאַרזעצערס פון סטאַלינגראַדער העראָיזם. — —

די פרויען אין אונדזער פאַראיין טוען אַ באַזונדערע קולטורטעטיקייט. זיי האָבן אַ לייענקרײַז „19טער אַפּריל" וועלכער איז אָנגעשלאָסן אין דער גרויסער קייט לייענקרײַזן וואָס עקסיסטירן אין בוענאָס־אײַרעס.

בכלל דאַרף באַזונדערס אויסגעטײלט ווערן אונדזער דינאַמישע פרויען קאָמיסיע. זי איז אַ הויפּטנערוו אין דער אַרבעט פון פאַראיין. נישטאָ קיין טעטיקייט אָן דער פרויען־קאָמיסיע. ווו זי רירט זיך צו, איז די אַרבעט אַ געבענטשטע. דאַרף זײַן אַ טיי — ווערט דערפון אַ באַנקעט פון כל־טוב, עס וואַקסט אויס אויף די טישן פון אַל דאָס גוטס. האָבן מיר אַ זאַמלונג, אַן איניציאַטיווע — זענען די פרויען דערבײַ די אַקטיווסטע. קומט פאָר אַן אונטערנעמונג און מען דאַרף פאַרקויפן בילעטן — איז ווי וואָלטן מיר דאָס געקענט דורכפירן אָן אונדזערע חברטעס? לאָמיר זיך נישט שעמען און זאָגן אַז זיי זענען טאַקע די בעסערע העלפּט פון אונדזער אַרבעט.

וואָס שייך די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט, דאַרפן מיר דערמאָנען אונדזער אַקטיווע מיטאַרבעט מיטן „איקוף" און מיט אַנדערע לאַנדסלײַט־פאַראיינען.

מיר באַטייליקן זיך ביז גאָר אַקטיוו אין ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין בוענאָס־אײַרעס און די ראָלע פון די „וואַרשעווער" איז זיכער נישט קיין קליינע. דאָס מערקט זיך גאָר שטאַרק בײַ די וואַלן צו די פאַרשידענע ייִדישע אינסטיטוציעס און דער עיקר בעת די קהילה־וואַלן. אין יאָר 1949 איז אפילו אויסגעקליבן געוואָרן אויף דער ליסטע פון דער „פעדעראַציע" אונדזער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד ייִדל דיקשטיין אַלס וואָקאַל פון דער אַמיאַ (קהילה).

מיר האָבן שוין דערמאָנט די לײַקאַסע „לאַוואַזשע" וואָס עקסיסטירט בײַ אונדזער פאַראיין. פאַקטיש איז עס אַ באַזונדערע אינסטיטוציע, אַ דעמאָקראַטישע און פאָלקסטימלעכע, וואָס דערפילט אַ וויכטיקע מיסיע צווישן אירע מיטגלידער דורך אַרויסגעבן קלענערע און גרעסערע הלוואות — אָן פּראָטעקציעס, אָן דעם אַז מען זאָל דאַרפן אימעצן קלאַפּן אין פּלייצע, אויף יסודות פון קאָאָפּעראַטיווער סאָלידאַריטעט, אויף אַ חברלעכן שטייגער. ערשט אַ

דירעקטאָריום פון דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע ביים ווארשעווער לאַנדסלייט פאַראיין „קאַכאַ פּאָפּולאַר לאַוואַזשע"



עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: הערשל גאָלדשטיין (קאַסיר), מלך פריידענרייך (וויצע פּאָרזיצער), אברהם אָסטראָווער (פּאָרזיצער), אברהם אַקסעלרוד (פּאַרוואַלטער), משה געלבלונג (סעקרעטאַר).
עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: שלמה שמידט, משה גאָלדשטיין, גדליה קאַליקשטיין, נחום צוקער, בעריש דאָמב, יוסף בלושטיין, מאָניש מאַרדיקס.

יאָר ווי די לייקאַסע איז געשאַפן געוואָרן און שוין איז איר אומ־זאַץ אויסגעוואָקסן ביז 700.000 פּעזעס. דאָס איז דער בעסטער אַטעסטאַט פון דער נוצלעכקייט און וויכטיקייט פון איר אַרבעט.

דער ווארשעווער לאַנדסלייט־פאַראיין איז אַן אמתע גייסטיקע היים פאַר אונדזערע מיטגלידער. זיי קומען זיך צונויף אין זיינע לאָקאַלן כדי צו באַהאַנדלען געזעלשאַפטלעכע ענינים — וועגן עפּע־נען נייע שולן, וועגן אַ געוויסן קולטור־צענטער, און ענלעכס. אַ מאָל טרעפט מען זיך אויף אַ קולטור־צוזאַמענקום. עס איז דאָ אַ רעדנער וואָס האַלט אַ לעקציע וועגן פּרצן אָדער אַ צווייטן יידישן קלאַסיקער, אָדער וועגן „דאָן קיכאָט" פון סערוואַנטעס. קומט אַ גאַסט פון „אויסלאַנד", איז דאָך אוודאי אינטערעסאַנט צו הערן אַ גרוס פון יענעם לאַנד. עס ווערן געמאַכט ביי געלעגנהייטן פאַרשי־דענע באַנקעטן, וועטשערעס און צוזאַמענקומען. פּריוואַטע משפּחה־יום־טובים פון אונדזער אַקטיוו ווערן איבערגעטראָגן אין פאַראיין מיט אַ „לחיים", ווו מען פרייט זיך מיטן בעל־שמחה צו זיין משפּ־חה־יום־טוב און דער צוזאַמענקום ווערט אויסגענוצט פאַר פאַר־איינסצוועקן.

גאָר פייערלעך און מיט טיפן יראת הכבוד דערמאָנט דער פאַראיין יאָר־יערלעך דעם 19טן אַפּריל, דעם יאָרטאָג פון ווארשע־ווער געטאָ־אויפשטאַנד. נישט שטענדיק אָבער איז מעגלעך צו רע־אַליזירן עפנטלעכע אַקטן. היינטיקס יאָר 1955, צב"ש, אין דעם יאָר פון די שילומים, האָבן מיר די געטאָ־פייערונג געמוזט דורכ־פירן בחדרי־חדרים, ווי די מאַראַנען...

צום געטאָ־יאָרצייט קומען זיך צונויף אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ, טויזנטער לאַנדסלייט, און לעבן מאָנומענט פון די קדו־שים, ווו עס ליגט דאָס קעסטעלע אַש וואָס איז געבראַכט געוואָרן דורך דער לאַנדסמאַנשאַפטן־דעלעגאַציע, הערן זיי אויס דעם רעלי־גיעזן טייל פון אַ חזן און די ווערטער פון אַ רעדנער.

לאָמיר פאַרענדיקן דעם באַריכט וועגן דעם „ווארשעווער



דער אַקטיוו פון ווארשעווער לאַנדסלייט־פאַראיין בעת פיניע קאַצס אַ פאָרלעזונג וועגן „דאָן קיכאָט".

# פנקס-קאָמיטעט



עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: וועלוול סאַפּירשטיין, ייִדל דיקשטיין, גדליה קאַליקשטיין, בעריש דאָמב, מאַטעס נאַבעל, יוסף לענגער, קאַרלאָס נאַפּטאַל, משה גאָלדשטיין, נתן ראַדזאַנאָווסקי.

לאַנדסלײַט-פאַראיין אין אַרגענטינע" מיט עטלעכע ווערטער וועגן „פנקס וואַרשע".

דער פאָרשלאָג וועגן אַרויסגעבן אַזאַ בוך איז געקומען פון אונדזער לאַנגיאָריקן פאַרוואַלטונגס-מיטגליד ח' בעריש דאָמב.

דאָס איז געווען אַ געוואַגטער געדאַנק, וואָרעם נישט לײַכט איז צו רעאַליזירן דעם פנקס פון אַזאַ עיר ואם בישראל ווי עס איז געווען וואַרשע.

דאָך איז דער באַשלוס וועגן דעם אָנגענומען געוואָרן און איצטער האָבן מיר דעם 1טן באַנד פון „פנקס" אַ פאַרענדיקטן.

מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז אונדזער גרויסע היימשטאָט, וואָס האָט געלעבט אַ לאַנג היסטאָריש לעבן און איז אומגעקומען אין גבורה און קדושה, איז ווערט פאַראייביקט צו ווערן.

מיר האָבן זיך דורכגענומען מיטן באַוווּסטזײַן אַז די זין און טעכטער פון דער ייִדישער וואַרשע, צעזייטע איבער דער גרויסער וועלט, זענען מחויב די דאָזיקע אַרבעט צו טאָן.

האָבן מיר אויסגעקליבן אַ פנקס-קאָמיסיע, וואָס איר אויפֿגאַבע איז געווען צו רעאַליזירן דעם באַשלוס וועגן „פנקס-וואַרשע".

פון דער דאָזיקער קאָמיסיע דערלויבן מיר זיך באַזונדערס אויסצוטיילן די נעמען פון די חברים גדליה קאַליקשטיין און שמואל קאַמינסקי, וואָס האָבן מיט זייער אומדערמידלעכער אַרבעט פיל בײַגעטראָגן אַז דער „פנקס וואַרשע" זאָל דערזען די ליכטיקע שײַן.

די קאָמיסיע האָט איר ציל דערגרייכט און דער ערשטער באַנד פון „פנקס" איז געוואָרן אַ פאַקט.

דאָס איז די בעסטע סאַטיספאַקציע פאַר דעם וואַרשעווער לאַנדסלײַט-פאַראיין אין גאַנצן, פאַר אַלע זײַנע מיטגלידער און טוערס, און דער עיקר פאַר זײַן פאַרוואַלטונג און אירע באַזונדערע קאָמיסיעס.

און עס איז אַ גרויסער דערגרייכונג פאַר אַלע וואַרשעווער לאַנדסלײַט סײַ דאָ אין אַרגענטינע און סײַ אין דער גאַנצער וועלט.

## רעדאַקציע פון פנקס וואַרשע



פון רעכטס צו לינקס: גדליה קאַליקשטיין, מענדל זאַקס, פיניע קאַץ, מאָטל זאַקין און שמואל קאַמינסקי

## פאַרוואַלטונגען און קאָמיסיעס פון אונדזער פאַריין

צוליב דער אוממעגלעכקייט אויסצורעכענען אַלע פאַרוואַלטונגען און פאַרשידענע קאָמיסיעס, טוערס און אַקטיוויסטן בײַם פאַריין דורך דער צײַט פון זײַן 10־יעריקער עקסיסטענץ, וועלן מיר בלויז דערמאָנען די פרעזידענטן פון פאַראיין: מאַוריסיאָ פסאַנקעוויטש, אברהם זאַלצמאַן, משה פלאָרמאַן, מאַטעס נאַבעל, ייִדל דיקשטיין און אין דעם איצטיקן פעריאָד נתן ראַדזאַנאָווסקי.

פרעזידענטינס פון דער פרויען־קאָמיסיע: רעגינאַ שאַפּיראָ (געשטאָרבן), שרה דיקשטיין, בערטאַ זאַלצמאַן און מאַניע בירענצווײַג (אין איצטיקן פעריאָד).

*

## פאַרוואַלטונג און קאָמיסיעס פון וואַרשעווער לאַנדסלייט־פאַראיין אין 1954—1955

פאַרוואַלטונג: נתן ראַדזאַנאָווסקי — פרעזידענט, יוסף לענגער — סעקרעטאַר, מאַנעס שיינבוים — קאַסיר. וואָקאַלן: נחום צוקער, קאַרלאָס נאַפּטאַל, מלך פריידענרייך, בעריש דאָמב, פנחס זלאָטאַ, הערשל בוראַקאָווסקי, שלמה שמידט, הערשל גאָלדשטיין, ייִדל דיקשטיין, משה פלאָרמאַן, אברהם רעגענבוים, קאַרלאָס מאָטשידלאָווער, ג. קאַליקשטיין, כאָסע בלושטיין, אברהם אָסטראָווער, שמואל קאַמינסקי, מאָניש מאַרדיקס, נאַטאַן זשעלאָני, מאַטעס נאַבעל, לייביש שוואַרץ, משה גאָלדשטיין, וועלוול סאַפירשטיין.

פרויען־קאָמיסיע: מאַניע בירנצווייג — פרעזידענטין, ראַקעל ליפשיץ — סעקרעטאַרין, חיהלע וויינשענקער — קאַסירערין, טאַטקע פריידענרייך, העלאַ זלאָטאַ, דאָראַ רעגענבוים, האָדעס ראַדזאַנאָווסקי, ראָסאַ שידלאָווסקי, ראָסאַ מאַרדיקס, יאַדזשע שוואַרץ, פערל דאָמב, פייגעלע אָסטראָווער, ראָכטשע מאָטשידלאָווער, באַלבינע קאַליקשטיין, אַנאַ צוקער, פרידאַ גאָלדבערג סאַראַ דיקשטיין, גיטל בערענסאָן, ביילטשע זעלטמאַן, זאַהאַוואַ גינסבורג, אסתר גאָלדשטיין, בעלאַ שמידט, בערטאַ זאַלצמאַן, דאָראַ עסטערזאָן, מאַניע אונטערהענדלער, אסתר גאָלדמאַן, בראָנקע ליפאַ.

ביבליאָטעק־קאָמיסיע: גדליה קאַליקשטיין און וועלוול סאַפירשטיין.

לײַקאַסע דירעקטאָריום: אברהם אָסטראָווער — פרעזידענט, משה געלבלונג — סעקרעטאַר, הערשל גאָלדשטיין — קאַסיר, אברהם אַקסעלרוד — פאַרוואַלטער. וואָקאַלן: מלך פריידענרייך, שלמה שמידט, משה גאָלדשטיין, גדליה קאַליקשטיין, נחום צוקער, בעריש דאָמב, כאָסע בלושטיין, מאָניש מאַרדיקס, ראַפאַל זאָנאַבענד.



# דער אמעריקאנער קאנסיל פאר ווארשעווער ייִדן

די געשיכטע פון דעם „אמעריקאנער קאנסיל פאר ווארשעווער ייִדן" נעמט ארום בסך־הכל א פעריאד פון ארום עלף יאר. אין צאל פון יארן שטעלט ער מיט זיך פאר א קורצן צײַט־שטח, וואס אין נארמאלע טערמינען וואלט אן ארגאניזאציע זיך אפשר אפילו נישט אפגעשטעלט צו פארצייכענען וואס זי האט אויפגעטאן, סײַדן אין א לאקאלן באריכט צו אירע מיטגלידער. און אוודאי וואלט נישט געקאנט זײַן קיין רייד וועגן ארײַנשרײַבן זיך אין א פנקס לדורות.

אט די קריטעריע קאן אבער בשום אופן נישט אנגעווענדט ווערן אויף דעם „אמעריקאנער קאנסיל", צוליב עטלעכע טעמים:

ערשטנס, איז דער „אמעריקאנער קאנסיל" געקומען צום לעבן אין א זייער אומנארמאלער צײַט; צווייטנס האט ער, טאקע צוליב דער אומנארמאלקייט פון דער צײַט, אנגעצייכנט פאר זיך דרינגענדיקע און זייער ווערטפולע אויפגאבעס, וואס ער האט מיט א סך אחריות, אין א גרויסער מאס דורכגעפירט. און דריטנס, האט דער קאנסיל, סײַ דורך זײַן אימפעט, מיט וועלכן ער איז צוגעטראטן צו שאפן באלדיקע ברידערלעכע הילף צו די ייִדן פון ווארשע, וואס זענען געווען צעזייט און צעשפרייט אויף שבעה ימים, סײַ דורך די מעטאדן פון הילף וואס ער האט אנגעווענדט, גורם געווען אויפצורודערן די ייִדישע עפנטלעכקייט צו ברייטערע און גיכערע הילף־מעשים אין דעם ערב פון דעם סוף און באלד נאכן סוף פון מלחמה און חורבן און דאס איז זייער א ווערטפולער עלעמענט.

דער שטויס צו דעם געבורט פון „אמעריקאנער קאנסיל פאר ווארשעווער ייִדן", וואס איז פארגעקומען אין פרילינג פון דעם יאר 1943, איז געווען די נײַס וואס האט זיך אריבערגעטראגן איבערן אטלאנטישן אקעאן צו אונז אין צפון־אמעריקע וועגן דעם גראנגל אויף לעבן און טויט, וואס איז אנגעגאנגען אין ווארשע, מיט דעם בלוטיקסטן שונא פון דער מענטשהייט — דעם היטלעריזם — ערב דעם היסטארישן העלדישן אויפשטאנד פון די בערך פערציק אדער פופציק טויזנט פארבליבענע ייִדן אין דעם ווארשעווער געטא קעגן די באוואפנטע און באפאנצערטע נאצישע חיילות.

אין יענער צײַט איז שוין געווען באוווּסט, אז די איבערוועגנדיקע מערהייט פון דעם דרײַ־ און א האלב מיליאניקן פוילישן ייִדנטום איז שוין געהאט פארשניטן געווארן דורך די הענט פון די נאצישע רוצחים און אז כדי צו ראטעווען די שארית־הפליטה, מוזן אלע כוחות פאראייניקט ווערן — באלד, תיכף!

---

א קורצע מעלדונג אין דער אמעריקאנער פרעסע, אין חודש אפריל 1943, האט דערציילט אז א פוילישער באאמטער, וואס האט זיך ארויסגעראטעוועט פון פוילן און איז אנגעקומען קיין לאנדאן, האט געבראכט א גרוס וואס עטלעכע ייִדישע פארשטייער פון ווארשע האבן געשיקט מיט אים צו די ייִדן אין אייראפע, און דער עיקר צו ייִדן אין אמעריקע. אין דאזיקן גרוס האט זיך געזאגט אז: „...אין אונדזער גרויסן אומגליק טוט אונדז מער ווי די גלײַכגילטיקייט פון אונדזערע אמעריקאנער ברידער, ווי די מאטערנישן וואס מיר לײַדן פון די בעסטיאלישע נאצים..."

אט־דער גאליקער גרוס איז געווען א שארפע מאנונג און א שאלרוף צו באלדיקער אקציע — א רוף וואס האט אויפגעוועקט און אויפגעטרייסלט א גרויסן טייל פון די ווארשעווער ייִדישע לאנדסלײַט זיך צו ארגאניזירן פאר באלדיקער הילף דורך אלע מעגלעכע און אפילו אוממעגלעכע וועגן, לטובת אונדזערע פארפײַניקטע ווארשעווער שוועסטער און ברידער.

---

נאר איידער מיר גייען אריבער צו דער געשיכטע פון דעם „אמעריקאנער קאנסיל פאר ווארשעווער ייִדן", איז וויכטיק צו פארצייכענען, כאטש אין קורצן, אייניקע פאקטן וועגן דעם געזעלשאפטלעכן פארנעם און ארט פון די ווארשעווער ייִדן אין דעם לעבן פון דעם פינף־און־א האלב מיליאניקן ייִדישן קיבוץ אין די פאראייניקטע שטאטן.

דאס פוילישע ייִדנטום האט א סך בײַגעטראגן צו די 300 יאר געשיכטע פון דעם ייִדישן ייִשוב אין די פאראייניקטע שטאטן. די נעמען פון חיים סאלאמאן, מיכל היילפערן, טעאדאר וויינער און אומצאליקע אנדערע נעמען, צוזאמען מיט די נעמען פון די פוילישע העלדישע קעמפערס פולאווסקי און קאסציושקא, שײַנען ארויס מיט זייער העראיזם און מסירת־נפשדיקן אנטייל אין די קאמפן פאר דער זעלבסטשטענדיקייט און פרײַהייט פון די פאראייניקטע שטאטן, אין דער ברויזנדיקער אבאליציאניסטישער באוועגונג מיט א הונדערט יאר צוריק, און שפעטער אין די קאמפן פאר דער אפשאפונג פון נעגער־שקלאפערײַ.

אומענדלעך לאנג איז די רשימה פון פוילישע ייִדן און זייערע זין און טעכטער, געבוירענע אין אמעריקע, וועלכע האבן געקעמפט און פון וועלכע א סך האבן זייערע יונגע לעבנס אוועקגעגעבן אין די רייען פון די אמעריקאנער באוואפנטע קרעפטן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אבער נישט נאר ווי יחידים נאר אויך ווי ארגאניזירטע קאלעקטיווע גרופעס, האבן די ווארשעווער ייִדן בײַגעטראגן סײַ צום ייִדישן געזעלשאפטלעכן, עקאנאמישן און קולטורעלן לעבן און סײַ ווי צום אלגעמיינעם לעבן פון דעם אמעריקאנער פאלק צו די מאסן־עמיגראציע פון די מזרח־אייראפעישע לענדער, וואס האט זיך אנגעהויבן אין 1881, האט ביז נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה

אַרײַנגעבראַכט נישט ווייניקער ווי אַרום צוויי הונדערט טויזנט ייִדן פֿון וואַרשע.

פּונקט ווי די ייִדן פֿון אַנדערע שטעט און לענדער, האָבן די וואַרשעווער ייִדן אָנגעהויבן זיך צו אָרגאַניזירן אין אַלערליי פֿאַראײנען און געזעלשאַפֿטן און בויען און באַפֿעסטיקן פֿאַרשידענע געזעלשאַפֿטלעכע, וווילטעטיקע, רעליגיעזע און וועלטלעכע אינסטיטוציעס.

אײנע פֿון די סאַמע ערשטע אָרגאַניזאַציעס פֿון פּוילישע ייִדן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז די פּויליש־ייִדישע לאַנדסמאַנשאַפֿט. וואַרשעווער קראַנקן־אונטערשטיצונגס־פֿאַראײן „בני יעקב", וואָס האָט זיך געגרינדעט אין ניו־יאָרק דעם 3טן פֿעברואַר 1870 — מיט העכער אַ צענדליק יאָר פֿריִער איידער דער גרויסער אימיגראַציע־שטראָם פֿון מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן האָט זיך אָנגעהויבן. אָט־די לאַנדסמאַנשאַפֿט איז געגרינדעט געוואָרן אויף אַ ברית בײַ אַ לאַנדסמאַן אין הויז, מיט 25 מיטגלידער.

בכלל האָט די מאַסן־עמיגראַציע פֿון פּוילישע ייִדן קיין אַמעריקע זיך אָנגעהויבן אַ סך פֿריִער ווי די עמיגראַציע פֿון אוקראַיִנע, ליטע און ווייסרוסלאַנד. איר גרויסער אָנהייב פֿאַלט אויס באַלד נאָכן פּוילישן אויפֿשטאַנד אין 1863, אָבער פֿאַקטן וועגן אַן אָנהייב — ריכטיקער: וועגן אָנהייבן — פֿון אַן אָרגאַניזירט לעבן פֿון פּוילישע ייִדן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן געפֿינען מיר אַ סך פֿריִער.

נאָך אַזוי פֿרי ווי אין 1819 האָט אין דער שטאָט סינסינעטי שוין עקסיסטירט אַ פּוילישע שיל, כאָטש נישט אַלע מתפּללים אין יענער שיל זענען געווען פּוילישע ייִדן. אין 1832 האָבן פּוילישע ייִדן אין טשאַרלסטאָן, אַ שטאָט אין דרום פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, זיך אָפּגעשפּאָלטן פֿון דער דאָרטיקער רעפֿאָרם־שיל און געגרינדעט אַן אייגענעם בית־תּפֿילה.

אין דער געשיכטע פֿון דער אַנטשטייונג פֿון ייִדישע לאַנדסמאַנשאַפֿטן אין אַמעריקע געפֿינען מיר אַז אין 1851 איז אין לויִוויל, קענטאָקי, אָרגאַניזירט געוואָרן די „קהילה בית־ישראל אנשי־פּוילן"; אַז אין 1853 האָט אין ניו־יאָרק עקסיסטירט דער „בית־מדרש ילידי פּוילן" און אַז אַרום 1860 איז שוין דאָ געווען אַ חסידים־שטיבל. די ערשטע גרויסע וואַרשעווער שיל („ערשטע וואַרשעווער קאָנגרעגעישאָן"), וואָס געפֿינט זיך ביז הײַנטיקן טאָג אויף 60 ריווינגטאָן־סטריט, איז געגרינדעט געוואָרן אין 1894.

און אָט איז אַ טיילווײַזע רשימה פֿון וואַרשעווער ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, געזעלשאַפֿטן און אַנשטאַלטן אין ניו־יאָרק, וואָס האָבן זיך געגרינדעט אין פֿאַרשידענע צײַטן (לויט דעם בוך „ייִדישע לאַנדסמאַנשאַפֿטן אין ניו־יאָרק", אַרויסגעגעבן פֿון דער ייִדישער שרײַבער־גרופּע אויפֿן פֿעדעראַלן שרײַבער־פּראָיעקט אין 1938):

„וואַרשעווער מושב־זקנים אויפֿן נאָמען פֿון חיים סאַלאָמאָן", געגרינדעט אין 1925; „וואַרשעווער קראַנקן אונטערשטיצונגס־פֿאַראיין בני ישראל", געגרינדעט אין 1902; „וואַרשעווער דאָטערס אָוו איזראַעל" (ישׂראלס טעכטער), אָרגאַניזירט אין 1903; „וואַרשעווער־פּראַגער יאָנג־מענס־ברענטש 50 אַרבעטער־רינג", געגרינדעט אין 1904; „וואַרשעווער בענעוואָלענט סאָסייטי", געשאַפֿן אין 1906; „וואַרשעווער פּראָגרעסיווע אַסאָסיעישאָן" — 1906; „וואַרשעווער מעדעם־ברענטש, 215 אַרבעטער־רינג" — 1908; „וואַרשעווער־אומגעגנט־ברידערלעכע־סאָסייעטי" — 1914.

אָט אַזוי ציט זיך אַ לאַנג צעטל פֿון פֿאַרשידענע וואַרשעווער אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען אין באַזונדערע צײַטן, ביז אין די דרײַסיקער יאָרן, געשאַפֿן געוואָרן דורך גרופּעס, פֿאַר פֿאַרשידנאַרטיקע צוועקן.

מיטן גאַנג פֿון דער צײַט איז פֿון די אַ מאָל יונגע און מיטליעריקע אָנגעוואַקסן אַן עלטערער דור פֿון וואַרשעווער ייִדן, און ס'איז אַנטשטאַנען אַ נויטיקייט צו זאָרגן פֿאַר לאַנדסלײַט־זקנים, וועלכע נייטיקן זיך אין אַ היים. אַזוי איז אין 1925 געגרינדעט געוואָרן אַ וואַרשעווער מושב־זקנים, אויפֿן נאָמען פֿון חיים סאָלאָמאָן, וואָס איז זיך פֿונאַנדערגעוואַקסן אין אַ גרויסער אינסטיטוציע.

אין מײַ 1908 איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער „פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן אין אַמעריקע", וואָס האָט געשפּילט אַ באַזונדער קאָנסטרוקטיווע ראָלע אין משך פֿון כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט און ער ווירקט און פֿונקציאָנירט ביזן הײַנטיקן טאָג. פֿאַרשטענדלעך אַז כאָטש די ייִדן האָבן דאָ געגרינדעט זעלבשטענדיקע וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפֿטן און געבויט אינסטיטוציעס, האָבן זיי זיך אָבער נישט איזאָלירט פֿון דעם גאַנצן פּויליש־ייִדישן אָרגאַניזם אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. פֿאַרקערט, זיי האָבן, סײַ אַלס זעלבסטשטענדיקע וואַרשעווער קערפּערשאַפֿטן, סײַ אַלס וואַרשעווער אין אַ קאָלעקטיוון זינען, זיך באַטייליקט אין אַלע טעטיקייטן פֿון די פּוילישע ייִדן אין אַמעריקע און האָבן אַ סך בײַגעטראָגן לטובת די ייִדן אין פּוילן. אַ באַזונדער אָנגעזעענע ראָלע האָבן די וואַרשעווער ייִדישע אָרגאַניזאַציעס געשפּילט אין דער שאַפֿונג און אין דעם פֿונקציאָנירן פֿון דער פֿעדעראַציע פֿון פּוילישע ייִדן אין אַמעריקע.

שוין אַפֿילו נאָך דעם ווי דער „אַמעריקאַנער קאָנסיל פֿאַר וואַרשעווער ייִדן" האָט זיך געגרינדעט, האָבן די וואַרשעווער־ייִדישע אָרגאַניזאַציעס באַזונדער און דער וואַרשעווער קאָנסיל אַלס פֿאַראייניקטע קערפּערשאַפֿט פֿון וואַרשעווער ייִדן אין אַמעריקע, זיך נישט אָפּגעזונדערט פֿון דער פּויליש־ייִדישער פֿעדעראַציע, נאָר האָבן ווײַטער מיטגעאַרבעט און מיטגעווירקט מיט איר.

אָט דער מאָמענט ווערט ספּעציעל באַטאָנט אין אַ לייט־אַרטיקל אין דעם ערשטן נומער פֿון „אונדזער זשורנאַל" (30סטער אַפּריל 1944) וואָס דער „אַמעריקאַנער קאָנסיל פֿאַר וואַרשעווער ייִדן" האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן פּעריאָדיש, אַ יאָר נאָך דעם ווי דער קאָנסיל האָט זיך געגרינדעט. אין יענעם לייט־אַרטיקל זאָגט זיך צווישן אַנדערס:

„מיר, וואַרשעווער ייִדן, זענען באַזונדערס פֿאַראינטערעסירט אַז פּוילישע ייִדן אין אַמעריקע, סײַ די וואָס זענען שוין דאָ פֿון לאַנג, סײַ די וואָס זענען נישט לאַנג אַריבערגעקומען, זאָלן אויף אַ געמיינזאַמען אופֿן העלפֿן דעם פּוילישן ייִדנטום אומעטום ווו פּוילישע ייִדן געפֿינען זיך — — פּאָליטיש, מאָראַליש און פֿינאַנציעל."

צום סוף פֿון יענעם לייט־אַרטיקל ווערט קרעפֿטיק אונטערגעשטראָכן:

„אַ שטאַרקע פֿעדעראַציע פֿון פּוילישע ייִדן, אָן אינערלעכע מחלוקת — אויך אַ שטאַרקער קאָנסיל פֿון וואַרשעווער ייִדן — קאָנען איינס דאָס אַנדערע זיך געבן שטיצע."

## די גרינדונג פון דעם וואַרשעווער קאָנסיל

דער „אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער ייִדן" איז געגרינדעט געוואָרן אין מאַרץ 1943, אויף דער איניציאַטיוו פון אַ קליינער גרופּע יחידים־פּיאָנערן וואָס האָבן אַרויסגעלאָזט דעם ערשטן רוף פאַר אַ באַראַטונג, פון וועלכער ס'איז אין אַ קורצער צײַט אַרויסגעוואָקסן אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר. אין אָט דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון וואַרשעווער ייִדן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָפּגעהאַלטן דעם 20טן יוני 1943, האָבן אָנטייל גענומען פאָרשטייערס פון אַרום 50 וואַרשעווער ייִדישע אָרגאַניזאַציעס פון ניו־יאָרק און אַנדערע שטעט, אחוץ אַן ערך הונדערט יחידים, געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוערס, וואָס זענען געקומען צוליגן אַ ברידערלעכע האַנט פון הילף.

די רשימה פון די איניציאַטאָרן איז באַשטאַנען פון די ווײַטערדיקע אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוערס: ז. טיגעל, סעמיועל וואָהל, קלמן פרידמאַן, סעמיועל דרעוונאָוויטש, מאַקס סילווערסטיין, בלומענשטאָק, ד. לעבענבאַום, ב. אשענפאַרב.

דער באַלדיקער אָפּרוף איז געווען אַ באַדײַטנדיקער. עס דאַרף אָבער למען דעם געשיכטלעכן אמת פאַרצייכנט ווערן, אַז אַ קליינער טייל פון די וואַרשעווער ייִדישע אָרגאַניזאַציעס איז ניט צוגעשטאַנען צו דער קאָנווענשאָן און געבליבן פון דער ווייטנס פון די הילפסאַקציעס און אַנדערע טעטיקייטן וואָס דער וואַרשעווער קאָנסיל האָט אונטערגענומען און דורכגעפירט. סיבות זענען געווען פאַרשידענע, אָבער די סאַמע כאַראַקטעריסטישע זענען צוויי: א) פּערזענלעכע קנאה. די פירערס פון אייניקע אָרגאַניזאַציעס האָבן, צוליב פּערזענלעכע, קליינלעכע חשבונות, נישט געוואָלט מיטאַרבעטן מיט דעם אָדער יענעם יחיד וואָס שטייט אין דער פירערשאַפט פון דעם קאָנסיל; ב) דער עלעמענט פון „וישמן ישורון"; דאָס נישט וועלן צולאָזן יענעמס צרות צום אייגענעם האַרץ, וואָס איז פאַרגאָסן מיט פעטס... כאָטש די שטרעבונג און דער הייסער באַגער פון די גרינדערס און אָנפירערס פון דעם קאָנסיל זענען געווען צו דערגרייכן און אַרײַננעמען אַלע וואַרשעווער אָרגאַניזאַציעס, וואָס עס אָבער נישט געשטערט אָנצוצייכענען אַ ברייטע פּראָגראַם פון באַלדיקע און ווייטערדיקע אויפגאַבעס, וואָס זענען אין דער גרעסטער מאָס דורכגעפירט געוואָרן מיט אימפּעט און מיט גרויס אחריות.

כדי צו געבן אַ באַגריף פון די אָנגעצייכנטע אויפגאַבעס אויף דעם ערשטן צוזאַמענפאָר, איז וויכטיק אָנצוווײַזן אויף די הויפּטשטריכן פון דער פּראָגראַם וואָס איז דאָרט אָנגענומען געוואָרן און וואָס קאָן, אין קורצן, פאָרמולירט ווערן אין די ווײַטערדיקע פונקטן:

ערשטנס — אַז מיר, אַמעריקאַנער ייִדן וואָס שטאַמען פון וואַרשע, זאָלן קומען נענטער איינער צום צווייטן, אָן אונטערשיד פון גרופּירונגען און שאַטירונגען צו טאָן באַלד עטוואָס פּראַקטישעס פאַר אונדזערע ברידער אין וואַרשע, פּראַגע און די אַרומיקע פאָרשטעט, ווי פּאָוואָנזעק, פעלצעוויזנע א"א, — און פאַראייניקטערהייט צוגרייטן אַ פּלאַן וועגן דעם, וואָס מיר דאַרפן טאָן אויף מאָרגן — נאָך דער מלחמה. דער עיקר אָבער — אָנצושטרענגען זיך און אײַנשפּאַנען אַלע אונדזערע כוחות אויף צו טאָן באַלד דאָס וואָס מען קאָן טאָן הײַנט. פאַר דעם צוועק וועלן מיר זיך פאַרבינדן מיטן „דזשאָינט", „אָרט", „ייִדישן וועלטקאָנגרעס" — ד"ר מיט אַלע וואָס קאָנען צוליגן אַ האַנט פון הילף אויף פאַרשידענע אופנים און גלײַכצײַטיק אונדז פאַרלײַכטערן דאָס אָנקניפּן פאַרבינדונגען כדי מיר זאָלן דערטראָגן צו די וואַרשעווער, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, אונדזער באַשיידענע הילף.

צווייטנס, — העלפן גלײַכצײַטיק, דורך אונדזער אָרגאַניזאַציע, די אַמעריקאַנער ייִדישע אינסטיטוציעס וועלכע טראָגן אויף זיך דעם נאָמען וואַרשע.

דריטנס, — צו זײַן אויף דער וואַך און זאָגן אונדזער וואָרט וועגן פראַגעס וואָס האָבן צו טאָן מיט דער שטאָט וואַרשע. אויב מעגלעך, זאָלן מיר זען שאַפן פאָנדן, כדי אויפצוזאַמלען די ייִדישע קינדער־יתומים וואָס וואַנדערן אַרום איבער די פעלדער פון פּוילן און זענען געצוווּנגען צו פירן אַ לעבן פון מאַראַנען.

פערטנס, — צו שטאַרקן די וואַרשעווער עקסיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס דורך שאַפן אַ קולטור־ביוראָ.

נאָך איין וויכטיקער פונקט איז אָנגעצייכנט געוואָרן — צו זען אויסגעפינען אין פאַרשידענע לענדער די וואַרשעווער ייִדן וואָס זענען צוליב דער מלחמה און דעם נאַצישן טעראָר געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן אָדער זענען פאַרטריבן געוואָרן און זיי וואָגלען אַרום אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט כדי צו קומען זיי צו הילף. די וויכטיקסטע אויפגאַבע אין שײַכות צו אָט די נעוונדניקעס איז געווען אויסצוגעפינען זייערע אַדרעסן און זען אויפצוזוכן זייערע קרובים אין אַמעריקע, מיט דעם צוועק צו העלפן איינשטעלן פאַרבינדונגען צווישן זיי.

## „אונדזער זשורנאַל"

אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּלאַן פון פאַרצווײַגטע טעטיקייטן האָט דער וואַרשעווער קאָנסיל אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ פּעריאָדישע שריפט „אונדזער זשורנאַל", פון וועלכן ס'זענען אין לויף פון אַן ערך דרײַ און האַלב יאָר — פון אַפּריל 1944 ביז סעפּטעמבער 1947, — דערשינען 12 נומערן. יעדער איינציקער נומער פון „אונדזער זשורנאַל" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צו אַ באַשטימטער געלעגנהייט. אַזוי, למשל, איז דער ערשטער נומער (אַפּריל 1944) דערשינען צו דער געלעגנהייט פון דער צווייטער יערלעכער קאָנווענשאָן פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער ייִדן; דער צווייטער נומער, דאַטירט 16טער סעפּטעמבער 1944, איז אַרויס לכבוד ראש השנה תש"ה; דער דריטער נומער, וואָס טראָגט די דאַטע 11טער דעצעמבער 1944, איז דערשינען צו דער געלעגנהייט פון חנוכה; דער פערטער נומער, אַפּריל 1945, איז אַרויס לכבוד פּסח. ס'איז אין אים אָפּגעדרוקט אַ קרעפטיקער לייט־אַרטיקל געווידמעט דעם צווייטן יאָרטאָג פון דעם העלדישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

„אונדזער זשורנאַל" איז אָנגעפּיקעוועט מיט לייען־מאַטעריאַל וואָס איז דורך און דורך געווידמעט וואַרשע. דער מאַטעריאַל באַשטייט פון אַרטיקלען, באַריכטן פון פאַרזאַמלונגען, צוזאַמענפאָרן און פון אָפּגעטאָענער אַרבעט, רעזאָלוציעס און באַשלוסן. עס זענען אויך געדרוקט בעלעטריסטישע זאַכן, וואָס שליסן אײַן זכרונות פון דער אַמאָליקער וואַרשע, שילדערונגען פון גאַסן, לעבן־שטייגער און טיפּן; קורצע נאָוועלעס און לידער, דאָקומענטן, אויפרופן, ווענדונגען, רשימות, אַנאָנסן וכדומה. אין איינעם שטעלט ער מיט זיך פאָר אַ סכום פון ווערטפולן מאַטעריאַל, וואָס שפּיגלט אָפּ די ברוויזנדיקע יאָרן פון דעם הויכפּונקט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַ הויכפּונקט וואָס האָט אָנגעדײַט אויף דעם אָנהייב פון דער ירידה און פון דער מפּלה פון היטלעריזם. מיט באַזונדערער

חשיבות ווערט אַרויסגעהויבן די עפּאָפּעע פון דעם העראָיזם אין דעם וואַרשעווער געטאָ. אין די אַרטיקלען און פאַרצייכענונגען שפּירט זיך דער אָפּקלאַנג און נאָכקלאַנג פון יענער צײַט.

אין דעם פּרט קאָן „אונדזער זשורנאַל" באַצײַכנט ווערן ווי אַ פּנקס־קטן געווידמעט וואַרשע, און איז אַ באַשיידענער אָבער אַ ווערטפולער צושטײַער צו דער געשיכטע פון וואַרשע — דער עיקר פון דער ייִדישער וואַרשע.

„אונדזער זשורנאַל" איז, דעריבער, געווען אַ זייער וויכטיקער אויפטו, וואָס האָט בשעתו געדינט דעם טאָפּלטן צוועק — וועקן, אָרגאַניזירן און מאָביליזירן אַלע מעגלעכע כוחות פאַר דעם צוועק פון שאַפן דרינגענדיקע, באַלדיקע הילף און זי תיכף אַריבערשיקן, אויף די הונדערטער דאַנק־ און ליבע־בריוו פון יחידים, וואָס האָבן דערהאַלטן אונדזער הילף. מיר ווילן צו ערשט פאַרצייכענען די הויפּטמאָמענטן אין פאַרבינדונג מיט אונדזער הילף צו אונדזערע וואַרשעווער שוועסטער און ברידער — הנרדפים והנדחים.

גלײַך נאָך דער באַפרײַונג פון וואַרשע איז דער „אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער ייִדן" געווען די ערשטע אָרגאַניזאַציע צו שיקן שפּײַז און קליידער קיין וואַרשע צו דעם ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט. דורך דעם „דזשוינט" האָט דער קאָנסיל געקויפט אין שוועדן פאַר צען טויזנט דאָלער שפּײַז און קליידער, וואָס זענען דעם 13טן מאַרץ 1945 אָפּגעשיקט געוואָרן מיט אַ שיף פון שטאָקהאָלם קיין וואַרשע. ווען דער קאָנסיל האָט דערהאַלטן אַן אָפיציעלע באַשטעטיקונג פון ד"ר עמיל זאָמערשטיין אַז דער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען, האָט ער אַרויסגערופן פרייד און דערמוטיקט צו פאַרגרעסערטער און פאַרשטאַרקטער הילפאַרבעט.

## פאַרוואַלטונג פון אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער ייִדן (ניו־יאָרק)



עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: אהרון שעק, אל. ווײַן (סעקרעטאַר), קלמן פרידמאַן (גענעראַל־סעקרעטאַר), יצחק ליפּינסקי (פּאָרזיצער), אַבע עסטערזאָן. — עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: הײמאַן סילווער, פּאָל קאַרעל, סעם טוכמאַן, ראַלף סילווער, דוויד נייבערג און דזשעק זאַלטץ.

און גלײַכצײַטיק צו דינען ווי אַ קאָנטאַקטפּונקט אויף אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען צווישן די וואַרשעווער ייִדן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און די וואַרשעווער שארית־הפּליטה, וואָס איז געוואָרן צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשידענע לענדער, און אויך העלפן איינצלנע וואַרשעווער אין די מלחמה־לענדער און אין נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן צו געפינען זייערע קרובים אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

## דער פאַרנעם און באַדייט פון דער הילף פון דעם וואַרשעווער קאָנסיל

מיר וועלן ווײַטער זיך באַזונדער אָפּשטעלן אויף די רשימות מיט טויזנטער נעמען פון פאַריאָגטע און אַנטלאָפענע ייִדן פון וואַרשע, וואָס זענען געווען געדרוקט אין „אונדזער זשורנאַל", ווי

דער קאָנסיל האָט אויך באַלד אײַנגעצאָלט דעם „דזשוינט" 15 טויזנט דאָלער פאַרן צוועק פון העלפן אָנהייבן בויען אין וואַרשע אַ שפּיטאָל און אַ קינדערהיים אויפן נאָמען פון דעם פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט. דער פרויען־אָפּטייל, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט בײַם קאָנסיל, האָט אויך געשיקט דורך דעם ייִדישן וועלטקאָנגרעס עטלעכע הונדערט פּעקלעך חנוכה־מתנות פאַר די ייִדישע קינדער אין וואַרשע. באַלד נאָך דעם האָט דער קאָנסיל גענומען אויף זיך צו העלפן אײַנשטעלן אין וואַרשע אַ צאָל קאָאָפּעראַטיווע ייִדישע ווערקשטאַטן פון שוסטערס, שנײַדערס, בערשטערס און אַנדערע פאַכן, צו העלפן די קיין וואַרשע צוריקגעקומענע ייִדן זיך נעמען צו מלאכה און אָנהייבן זיך אײַנאָרדענען.

די סאַמע פֿאַרבינדונגען מיט װאַרשעװער ייִדן האָט דער קאָנ־
סיל אָנגעקניפּט אין 1944 מיט דעם „קאָמיטעט פֿון פּױלישע ייִדן",
— אונטער דעם פֿאָרזיץ פֿון ד"ר זאָמערשטײַן, — װאָס האָט זיך
געפֿונען אין לובלין. אַזױ שנעל װי עס איז אָנגעקומען אַן ענטפֿער
אויף דער ערשטער װענדונג פֿון דעם קאָנסיל, האָט דער קאָנסיל
אַריבערגעשיקט די ערשטע טױזנט פּעקלעך שפּײַז און צװײ טױזנט
דאָלער געלט. דער קאַבעלגראַפֿישער ענטפֿער פֿון דעם קאָמיטעט פֿון
די ייִדן אין פּױלן האָט זיך געלײענט: אײַער מעסעדזש האָט אַרױס־
גערופֿן פֿרײד צװישן פּױלישע ייִדן אין רוסלאַנד. שיקט די הילף צום
„פּױלישן קאָמיטעט פֿאַר נאַציאָנאַלער באַפֿרײַונג" און צום „קאָמי־
טעט פֿון פּױלישע פּאַטריאָטן". אונטערגעשריבן זענען געװען: ד"ר
זאָמערשטײַן, אידאַ קאַמינסקאַ און דער סעקרעטאַר יאַסקעװיטש.

אָבער נאָך פֿריִער — אין די יאָרן 1943 און 1944, װען די
מלחמה האָט נאָך געפֿלאַקערט איבער אַ סך לענדער פֿון אײראָפּע
און ס'איז געװען אוממעגלעך צוצוקומען מיט הילף קײן װאַרשע —
האָט דער װאַרשעװער קאָנסיל אויף זיך גענומען אַן אויפֿגאַבע צו
באַזאָרגן מיט שפּײַז און קלײדער די טױזנטער װאַרשעװער ייִדן
װאָס זענען געװען אין סאָװעטן־פֿאַרבאַנד. טױזנטער פּעקלעך האָט
דער קאָנסיל אַריבערגעשיקט צו די װאַרשעװער לאַנדסלײַט דורך
דעם „דזשױנט", דורך דעם „פֿאַרבאַנד פֿון רוסישע ייִדן" װאָס האָט
צו יענער צײַט פֿונקציאָנירט אין די פֿאַראײניקטע שטאַטן, און דורך
דעם אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס. אַ פּעקל שפּײַז װאָס האָט אין
יענער צײַט דערגרײכט צו אַ פֿאַרװאָגלטן װאַרשעװער ייִדן אין דעם
װײַטן אַזיאַטישן טײל פֿון סאָװעטן־פֿאַרבאַנד האָט געהאַט אַן אומ־
אָפּשאַצלעכע באַדײַטונג. ס'איז געװען ניט נאָר די מאַטעריעלע הילף
װאָס די שפּײַז אָדער דאָס פּעקל קלײדער האָבן מיט זיך פֿאַרגע־
שטעלט, נאָר ס'האָט דער עיקר באַטײַט אַ ברודערלעכער גרוס פֿון אַ
נאָענטן, פֿון אַן אמתן כאָטש פּערזענלעך אומבאַקאַנטן, לאַנדסמאַן
און פֿרײַנד פֿון אַמעריקע.

און אַזױ האָט די הילף זיך צעװאַקסן און אױסגעשפּרײט צו
װאַרשעװער ייִדן װאָס האָבן געװאָגלט אין שװעדן, איטאַליע, פֿראַנק־
רײַך און אין פֿאַרשידענע לאַגערן אין די באַזונדערע טײלן פֿון
דײַטשלאַנד און עסטרײַך.

## רשימות מיט נעמען פֿון װאַרשעװער ייִדן אין פֿאַרשידענע לענדער.

דער ערשטער גרוס פֿון לעבעדיקע װאַרשעװער ייִדן איז געקו־
מען אין יולי 1944, דורך דער ייִדישער טעלעגראַף־אַגענטור, אין
דער פֿאָרעם פֿון אַ צעטל מיט אַן ערך טױזנט נעמען פֿון פּױלישע
ייִדן װאָס האָבן זיך געפֿונען אין לובלין. אין אָט דער רשימה זענען
געװען הונדערט מיט זיבעצן נעמען פֿון ייִדן װעלכע האָבן זיך אָנ־
געגעבן אַלס װאַרשעװער, און האָבן געזוכט זײערע קרובים אין די
פֿאַראײניקטע שטאַטן.

אַנדערע לאַנגע צעטלען מיט נעמען האָבן אָנגעהױבן שטראָמען
צום קאָנסיל שפּעטער, איבער הױפּט באַלד נאָך דעם װי װאַרשע איז
באַפֿרײַט געװאָרן. די ערשטע רשימה דירעקט פֿון װאַרשע איז געקו־
מען אָנהײב 1946, אין אַ לופֿטפּאָסט־בריװ אַדרעסירט צום „אַמע־
ריקאַנער קאָנסיל פֿון װאַרשעװער ייִדן". דאָס איז געװען אַ צעטל
פֿון נאָר װאָס צוריקגעקומענע קײן װאַרשע פֿון לאַגערן אין דײַטש־
לאַנד, מיט אַן אָפּעל אַז מ'זאָל זען געפֿינען זײערע קרובים אין אַמע־
ריקע. די נעמען פֿון די קרובים זענען אָנגעגעבן געװאָרן, נאָר 90
פּראָצענט האָבן ניט אָנגעגעבן קײן אַדרעסן. דער קאָנסיל האָט זיך
גענומען פֿלײַסיק און מיט דער פֿולסטער אחריות צו דער אַרבעט פֿון
העלפֿן געפֿינען די קרובים. אַ סך האָט זיך אײַנגעגעבן.

דערנאָך זענען אָנגעקומען רשימות מיט פֿיל הונדערטער — צו־
זאַמען אַ פּאָר טױזנט — נעמען פֿון װאַרשעװער ייִדן אין שװעדן,
אין לאַנדסבערג (דײַטשלאַנד), אין נײַ־פֿרײמאַן, בײַ מינכען; אין
סעדאַן־קאַסערן (דײַטשלאַנד); אין שטײַערן און לינץ־בינדערמיכל
(עסטרײַך); אין פּאַלעסטינע, אין איטאַליע, אין בײַערן און אין
לאָדזש און אין די װײַטערדיקע שטעט פֿון נידערשלעזיע —
ביעלאַװאַ, פּיעטראָליעשע, ריכבאַך, שטשעטשין און װראָצלאַװ.

אַחוץ די רשימות מיט הונדערטער נעמען פֿון װאַרשעװער,
װעלכע האָבן געבעטן זײ העלפֿן אָנצוקניפּן פֿאַרבינדונגען מיט
קרובים אין די פֿאַראײניקטע שטאַטן, זענען אָנגעקומען אַ סך אינ־
דיװידועלע בריװ, אַדרעסירט דירעקט צום אַמעריקאַנער קאָנסיל פֿאַר
װאַרשעװער ייִדן אין ניו־יאָרק. אין יענע ברױזנדיקע עטלעכע יאָר
פֿון מלחמה איז דער קאָנסיל געװאָרן דער אוניװערסאַלער אַדרעס
פֿאַר יעדן װאַרשעװער ייִדן, אין װעלכן װעלטטײל ער זאָל זיך נישט
האָבן געפֿונען. אַהער האָבן געשטראָמט בריװ פֿון װאַרשעװער אין
שװעדן, איטאַליע, פֿראַנקרײַך; פֿון קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין
דײַטשלאַנד און עסטרײַך, און פֿון װאַרשעװער װאָס זענען אַרי־
בערגעװאָרפֿן געװאָרן קײן מעקסיקאָ, קובאַ און אַנדערע לאַטײַן־
אַמעריקאַנער לענדער.

אין דעצעמבער 1945 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון די
פּױלישע ייִדן אין װאַרשע צוגעשיקט צום אַמעריקאַנער קאָנסיל פֿאַר
װאַרשעװער ייִדן אַ בריװ אונטערגעשריבן פֿון מ. ביטער, װיצע־
פֿאָרזיצער און פּ. זעליצקי סעקרעטאַר, אין װעלכן עס װערט אים
אױסגעדריקט אַ דאַנק פֿאַר דעם „פֿאַראינטערעסירן זיך מיט דעם
גורל פֿון די איבערגעבליבענע ייִדן אין װאַרשע". אין יענעם בריװ
דערקלערט װײַטער דער קאָמיטעט: „אונדזער אָפּטײלונג פֿאַר אױפֿ־
זוכן קרובים װעט שטײן אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט אײַך. דאָס װעט
פֿאַרגרינגערן אונדזער געמײנזאַמע אַרבעט... מיר דאַנקען אײַך
האַרציק פֿאַר די מלבושים און שפּײַזפּעקלעך װאָס איר שיקט אויף
אינדיװידועלע אַדרעסן, װי אויך פֿאַר די חנוכּה־פּעקלעך."

עס װערט װײַטער אױסגעדריקט אַ דאַנק דעם קאָנסיל פֿאַר
דער „איניציאַטיװ פֿון אויפֿבױען אַ שפּיטאָל און אַ קינדערהױז אין
װאַרשע" און גלײַכצײַטיק װענדעט זיך דער קאָמיטעט מיט אַ
בקשה צו העלפֿן פֿאַרגרעסערן דעם קאַפּיטאַל פֿון דער שױן עק־
סיסטירנדיקער גמילות־חסדים־קאַסע, װאָס דער קאָמיטעט האָט גע־
האָט אײַנגעשטעלט.

דער באַגרענעצטער פּלאַץ דערלױבט ניט זיך אױסצושפּרײטן
װעגן די אינדיװידועלע בריװ פֿון הונדערטער װאַרשעװער ייִדן
— פֿאַרװאָגלטע, אײנזאַמע, דערשלאָגענע, אױסגעהונגערטע אין
פֿרעמדע לענדער, פֿאַריאָגטע פֿון דער הײם, מערסטנס אַזעלכע װאָס
האָבן פֿאַרלאָרן זײערע נאָענטסטע און ליבסטע אין נאַצישע קאָנ־
צענטראַציע־לאַגערן. ס'איז שװער זיך פֿאַרצושטעלן װאָס עס האָט
באַטײַט פֿאַר אַזאַ אײנעם אָדער אײנער צו דערהאַלטן אַ פּעקל
שפּײַז, אַ מלבוש אָדער מעדיקאַמענטן אין װעלכע מען האָט זיך
גענײטיקט. דער בריװ פֿון אַזאַ יחיד צום אַמעריקאַנער קאָנסיל פֿון
װאַרשעװער ייִדן האָט ניט נאָר אױסגעדריקט אַ דאַנק פֿאַר דער מאָ־
מענטאַלער הילף, װאָס האָט אָפֿט ממש דערהאַלטן בײַם לעבן, נאָר
האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך די צאַרטסטע געפֿילן, דורכגעציטערט מיט
דעם אָטעם פֿון בענקשאַפֿט און זױבערער נשמהדיקייט.

ס'איז דעריבער נישט מעגלעך אין גאַנצן פֿאַרבײַצוגײן און

נישט פאַרצייכנענען כאָטש אייניקע אויסצוגן וואָס אילוסטרירן דעם געמיט־צושטאַנד פון יענע עלנטע:

שרייַבט יאַנינאַ באַגיצקי פון וואַרשע:

„...אין דער אמתן ווי׳ס איך ניט ווי אויסצודריקן אייַך מייַן דאַנקבאַרקייט פאַר די פּעקלעך, אַרויסגעשיקט פון אייַך דעם 31טן אָקטאָבער (1945) צו מיר און צו מייַן שוועסטער... כ׳פאַרשטיי בלויז נישט וואָס פאַר אַ גוטער מלאך האָט אייַך אָנגעוויזן אויף אונדז, ווייַל אייַער נאָמען אויפן פּעקל איז אונדז אין גאַנצן אומבאַקאַנט... איך דאַנק פריִער פאַר אַלעם אין נאָמען פון מייַן קליין שוועסטערל און מייַן קוזינע...״

און אָט איז אַן אויסצוג פון אַ בריוו פון שוועדן, פון ישראל קאָרמאַן:

„...איר קאָנט זיך גאָר נישט פאָרשטעלן די פרייד וואָס מיר האָבן געהאַט ווען מיר האָבן דאָס פּאַקעט דערהאַלטן... מיר האָבן שוין אַזוי פיל געליטן, אַזוי לאַנג געוואַרט! איצט זעען מיר אַז מיר זענען נישט איינזאַם... איך דאַנק אייַך הערצלעך פאַר אייַער באַמיִען זיך.״

און ישראל פייַנבערג, פון איטאַליע, שרייַבט צווישן אַנדערס:

„איך דאַנק אייַך זייער פאַר דעם פּעקל עסנוואַרג. מ׳האָט אונדז — מיט מייַנע צוויי קינדער — פּשוט דערראַטעוועט. שוין יאָרן ווי מיר האָבן נישט געזען אַ שטיקל צוקער פאַר די אויגן. פאַר דער קאַווע האָב איך געקראָגן אַ ביסל קאַרטאָפליעס. זאָל אייַך גאָט בענטשן וואָס איר פאַרגעסט נישט אונדז, אומגליקלעכע.״

לויט אָט דעם נוסח איז דער אינהאַלט פון די מערסטע בריוו וואָס האָבן געשטראָמט פון וואַרשעווער, פונאַנדערגעוואָרפענע אין אַ סך לענדער, צו דעם אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער ייִדן.

## דער ערשטער ראַדיאָ־בראָדקעסט צו די יידן אין וואַרשע

ס׳איז היסטאָריש וויכטיק אַז ס׳זאָל אויך פאַרצייכנט ווערן דער פאַקט, אַז באַלד נאָך דער באַפרייַונג פון וואַרשע האָט דער אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער ייִדן געהאַט דעם כבוד צו זייַן די ערשטע ייִדישע אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע, צו שיקן אַ ראַדיאָ־מעסעדזש צו די געראַטעוועטע וואַרשעווער ייִדן. דער מעסעדזש איז איבערגעשיקט געוואָרן דורך קורצע ראַדיאָ־כוואַליעס קיין וואַרשע. דער גרוס איז רעקאָרדירט געוואָרן פון דעם ייִדישן שריפטשטעלער ה. ל. שנייַדערמאַן, וועלכער האָט גערעדט אין נאָמען פון דעם פּרעזידענט פון דעם קאָנסיל, מ״ר סעמיועל וואָהל.

אָט איז אַ טייל פון דעם טעקסט פון דעם גרוס וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן:

„מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און אייַנגעהאַלטענעם אָטעם אַדרעסיר איך אייַך, מייַנע ברידער און שוועסטער אין דער רויִנירטער, באַפרייַטער וואַרשע. איך רעד צו אייַך אין נאָמען פון טויזנטער און טויזנטער וואַרשעווער ייִדן פון אַמעריקע וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם קאָנסיל פאַר וואַרשעווער ייִדן...

„דורך די פינצטערע לאַנגע יאָרן פון דער מערדערלעכער אָקופּאַציע האָבן מיר דאָ מיט פאַרבלוטיקטע הערצער נאָכגעפאָלגט אייַער העלדישן ווידערשטאַנד קעגן די מערדערס. גאַנץ אַמעריקע האָט מיט באַוווּנדערונג געהערט די נייַעס וועגן דעם אויפשטאַנד אין דעם וואַרשעווער געטאָ.

„מיר האָבן ניט געקענט קומען צו אייַער הילף. מיר האָבן נישט געקאָנט דורכברעכן די היטלערס פעסטונג. נאָר איצט, ווען די העלדישע רויטע אַרמיי האָט באַפרייַט וואַרשע, קאָנען מיר אויסשטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט פון הילף צו אייַך.

„מיר פאָלגן נאָך מיט אייַנגעהאַלטענעם אָטעם יעדן רעפּאָרט וועגן דער ווידעראויפבויאונג פון אַ נייַ פוילן אויף די פּרינציפּן פון גלייַכהייט און ברידערלעכקייט. איר מעגט זייַן זיכער אַז מיר וועלן אייַך העלפן אין אייַער פאַרזוך צוריק אויפצובויען אייַערע רויִנירטע היימען, פאַבריקן און אינסטיטוציעס... מיר זאָגן אייַך צו אונדזער פולסטע קאָאָפּעראַציע...״

## אַ צוזאַמענקום מיט וואַרשעווער לאַנדסלייט פון אַ סך לענדער

אין יענע טעג — ס׳איז געווען אין יולי 1945 — האָט דער אַמעריקאַנער קאָנסיל פון וואַרשעווער ייִדן אויסגענוצט די געלעגנהייט פון דער וועלט־קאָנפערענץ פון פוילישע ייִדן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו־יאָרק, און האָט אייַנגעאָרדנט אַ צוזאַמענקום (ריכטיקער: צוויי פייַערלעכע צוזאַמענקומען) מיט וואַרשעווער לאַנדסלייַט וואָס זענען געווען דעלעגאַטן פון פאַרשידענע לענדער אויף יענער קאָנפערענץ.

צווישן די חשובע לאַנדסלייַט פון אויסלאַנד זענען געווען פאָרשטייערס פון אַרגענטינע, בראַזיל, ענגלאַנד, קאַנאַדע, ארץ־ישראל, מעקסיקע, אורוגוויי, אחוץ פאָרטרעטערס פון אַ צאָל שטעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער רעזולטאַט פון אָט דער באַגעגעניש האָט געפירט צו דער אָרגאַניזירונג פון וואַרשעווער צענטראַלע קערפּערשאַפטן אויך אין אַנדערע לענדער, וואָס מיט דער הילף פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסיל אי אויסגעברייטערט די הילפס־טעטיקייט בכלל, אי קאָאָרדינירט די הילפסאַקציעס פאַר די ייִדן אין וואַרשע און פאַר וואַרשעווער ייִדן אין אַנדערע מדינות וועלכע האָבן זיך געניייטיקט אין באַלדיקער הילף.

אַ וויכטיקער מאָמענט, וואָס זאָגט עדות אויף דער וואַכזאַמקייט פון דעם וואַרשעווער קאָנסיל און זייַן גרייטקייט צו יעדן מאָמענט אויסצושטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט פון הילף, איז געווען דער עפּיזאָד אָסוויגאָ, מעקסיקע, וואָס איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן.

אין די ערשטע טעג פון 1946 זענען אַרום טויזנט ייִדישע פּליטים פון פאַרשידענע נאַציִשע לאַגערן אין אייראָפּע אָנגעקומען קיין אָסוויגאָ, מעקסיקע, אין דעם מעקסיקאַנער פּאָרט אָנטאַריאָ. די פּליטים האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין ערנסטע אימיגראַציע־שטערונגען און אַנדערע שוועריקייטן, וואָס זענען אַ נאַטירלעכע דערשייַנונג אַפילו פאַר עמיגראַנטן וואָס פאָרן אַריבער אין אַ צווייט לאַנד אויף אַ נאָרמאַלן אופן.

אחוץ דעם וואָס דער וואַרשעווער קאָנסיל האָט קאָאָפּערירט מיט אַלע אַנדערע ייִדישע געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפטן לטובת אַלע פּליטים, וואָס זענען אָנגעקומען צו די ברעגן פון מעקסיקע,

האָט ער זיך באַזונדער פאַראינטערעסירט צי עס זענען דאָ וואַרשעווער יידן צווישן זיי. צוויי און דרייסיק וואַרשעווער האָט דער קאָנסיל אויפגעזוכט. ער האָט באַלד געשיקט אַ דעלעגאַציע קיין מעקסיקע, וועלכע האָט מיטגעבראַכט פאַר דער וואַרשעווער גרופּע ניט נאָר ווערטער פון דערמוטיקונג, נאָר אויך מאַטעריעלע הילף — קליידער, געלט און אַנדערע זאַכן, וואָס זיי האָבן אין קעמפּ ניט געקאָנט קריגן. אָט די וואַרשעווער גרופּע איז באַלד געווען די בעסט געקליידעטע און די בעסט־פאַרזאָרגטע אין אָסוויגאָ.

ווען די וואַרשעווער זענען שפּעטער, צו גלייך מיט די מערסטע אַנדערע, באַפרייט געוואָרן, האָט דער קאָנסיל ווייטער זיי געהאָלפן און געטאָן אַלץ וואָס ס'איז נאָר מעגלעך געווען אַז זיי זאָלן געפינען אַרבעט און זיך איינאָרדענען.

## די דעלעגאַציע פון קאָנסיל צו די יידן אין וואַרשע און אַנדערע לענדער

דער הויכפּונקט אין דער נאָבעלער הילפסאַרבעט פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער יידן איז געווען דער באַשלוס אויף זיין פערטער קאָנווענשאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 19טן מיי 1946, צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין וואַרשע, וואָס זאָל אויך באַזוכן וואַרשעווער לאַנדסלייט אין אַנדערע טיילן פון אייראָפּע.

אָט דער באַשלוס איז געווען אַן אויסדרוק פון אַ הייסן באַגער צו באַגעגענען זיך מיט די שארית־הפליטה פּנים־אל־פּנים, אויסשטרעקן פּערזענלעך אַ ברידערלעכע האַנט און ברענגען זיי אַ וואָרט פון אויפריכטיקער ברידערלעכקייט און טרייסט, מיט אַ צוזאָג אַז מיר וועלן זיי נישט פאַרלאָזן אין דער קאַטאַסטראָפיש־שווערער שעה. גלייכצייטיק איז געווען דער ווילן צו זען מיט די אייגענע אויגן דעם אומפאַרגלייכלעכן חורבן און צו ברענגען אַ גרוס צוריק צו די וואַרשעווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, ווי צו דער יידישער עפנטלעכקייט בכלל.

דעם 27טן מיי איז די דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון סעמיועל וואָהל, פּרעזידענט, קלמן פרידמאַן, עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר און ס. דרעוונאָוויטש, פאָרזיצער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט, אָפּגעפלויגן פון ניו־יאָרק קיין אייראָפּע, אויפן וועג קיין וואַרשע. די דעלעגאַציע איז, אגב, געפאָרן אויף אייגענע הוצאות. מר. וואָהל איז גלייכצייטיק אויך געווען איינער פון אַ דעלעגאַציע פון דעם „דזשוינט", אויסצופאָרשן די לאַגע פון די יידן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד און אין פאַרשידענע אַנדערע טיילן פון אייראָפּע.

די דעלעגאַציע פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער יידן איז זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פּוילן, וועלכער האָט קאָאָפּערירט אויפן בעסטן אופן כדי צו מאַכן מעגלעך פאַר דער דעלעגאַציע דאָס באַקענען זיך מיט דער אַלגעמיינער לאַגע און מיט די באַלדיקע נויטן פון די יידן אין וואַרשע, ווי אין פּוילן בכלל, נאָך דעם מוראדיקן חורבן. דער דעלעגאַציע איז צוגעשטעלט געוואָרן יעדע מעגלעכע הילף, זי זאָל קענען באַזוכן שטעט און פּלעצער אין די אַנדערע טיילן פון פּוילן ווו ס'האָבן זיך געפונען יידן. זייער ווייניק יידן איז צו יענער צייט געווען אין וואַרשע, אין דער שטאָט וואָס האָט פאַר דעם חורבן געברויזט און געקאָכט מיט יידן און מיט זייערע פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייטן אויף שריט און טריט.

וואַרשע איז געווען איין גרויסער חורבן איבער וועלכן ס'האָט געשוועבט דער גייסט פון דעם וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ ריזיקן שטח פון אַש, זאַמד, ציגל, שטיינער און כלערליי ברוכוואַרג.

אין איר באַריכט וועגן וואַרשע, וואָס די דעלעגאַציע האָט צוריקגעבראַכט קיין אַמעריקע, ווערט דערציילט אַז אויפן צווייטן טאָג נאָך דעם ווי זי איז אָנגעקומען קיין וואַרשע האָבן די 3 שליחים, אין באַגלייטונג פון די פירערס פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט, פירערס פון דעם וואַרשעווער וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, צוזאַמען מיט אַ גרופּע וואַרשעווער יידן, וואָס זענען נאָר וואָס געהאַט געקומען פון רוסלאַנד, באַזוכט דאָס יידישע געטאָ. קודם כל איז די דעלעגאַציע אַוועק צום מאָנומענט וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין אָנדענק פון די קדושים און העלדישע קעמפערס פון געטאָ, און האָט דאָרט אַוועקגעלייגט אַ קראַנץ בלומען, אין נאָמען פון די וואַרשעווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

אָט זענען בלויז איניקע אויסצוגן, וואָס באַציען זיך אויף דעם געטאָ, פון דעם גרויסן באַריכט וואָס די דעלעגאַציע האָט צוריקגעבראַכט:

„...ס'איז שווער איבערצוגעבן די געפילן פון אונדז דריי אין יענעם הייליקן מאָמענט. מיר האָבן געזאָלט רעדן עטלעכע ווערטער ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט, אָבער... אַז איר שטייט דאָרט און זעט מיט אייערע אייגענע אויגן וואָס ס'איז געבליבן פון דעם יידישן געגנט אין וואַרשע, בלייבט איר אָן לשון. איר קאָנט אַ צייט לאַנג ניט רעדן.

„מיר האָבן קיין רעדעס ניט געהאַלטן דאָן. מיר זענען אָבער אַלע אַריין אין דעם טויער פון דער געוועזענער קאַזאַרמע. דאָרט איז, אין דער צייט פון געטאָ, געווען די יידישע געמיינדע. און דאָרט, אין יענעם הויף זענען טויזנטער יידן פאַרברענט געוואָרן, נאָך דעם ווי זיי זענען דערשטיקט געוואָרן פון כלאָראָפאָרם, אין אַ שטיבל וואָס געפינט זיך נאָך אויף יענעם הויף.

„איר גייט דאָרט אַרום אויף גאַנצע בערג אַש און פאַרברענטע ביינער פון יידישע קדושים. איר געפינט דאָרט צווישן אַש — פאַרברענטע ספרים, נאָטיצביכלעך, שליסלען פון הייזער און פון קאַסעס... זאַכן וואָס יידן האָבן מיט זיך געהאַלטן און געהאָפט אַז זיי וועלן נאָך אַ מאָל צוריקקערן זיך צו זייערע הייזער און שטיבן... איר געפינט דאָרט פאַרברענטע קליידער און שיך פון מענער, פרויען און קינדער. עס באַפאַלט אייך אַ שרעק און אַ ציטער ווען איר זעט דאָס אַלץ. איר זעט אונטערערדישע בונקערס, ווו יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן... מיר האָבן פריער אַ סך געהערט און געלייענט וועגן אָט דעם חורבן... נאָר ווען איר זעט עס מיט אייערע אויגן, ווערט איר צעמישט און דאָס האַרץ ווערט פאַרקלעמט".

די דעלעגאַציע האָט באַזוכט די קינדערהיים אין אָטוואָצק און דאָס קינדער־סאַנאַטאָריום, דערנאָך איז זי געפאָרן קיין לאָדזש, ווו ס'האָט, אגב, פונקציאָנירט אַ קאָמיטעט פון וואַרשעווער לאַנדסלייט. עטלעכע טויזנט וואַרשעווער יידן האָבן זיך געפונען אין לאָדזש און די דעלעגאַציע האָט געקראָגן אַ האַרציקע אויפנאַמע. גרויסע מאַסן יידן זענען געקומען זען און הערן די דעלעגאַטן. דער ליטעראַטן־פאַראיין האָט איינגעאָרדנט באַזונדער אַ באַזונדערן אָוונט פאַר דער דעלעגאַציע און עס זענען געקומען די אָנגעזעענסטע

יידישע שרײַבערס און דיכטערס. דער אָוונט איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם היסטאָריקער און רעדאַקטאָר פון „דאָס נײַע לעבן", בער מאַרק.

פון לאָדזש איז די דעלעגאַציע געפאָרן אין נידערשלעזיע און האָט באַזוכט ווראָצלאַוו, ריכבאַך ביעלאָוואַ און פיעטראָליעשע; האָט זיך באַקאַנט מיט אַלע וויכטיקע אינסטיטוציעס, ווי בכלל מיט דעם באַנײַטן לעבן פון די יידן אין אָט דעם נײַעם טייל פון פוילן. די דעלעגאַציע האָט דורך דער צײַט אָפּגעהאַלטן זיצונגען און באַראַטונגען מיט אָרטיקע יידישע טוערס און זיך אינפאָרמירט וועגן די באַלדיקע נויטן און פּראָבלעמען פון דעם נײַ־פאָרמירטן יידישן יישוב.

די דעלעגאַציע איז אומעטום אויפגענומען געוואָרן מיט פרייד און אויסערגעוויינלעכער פרײַנדשאַפט.

צוריקפאָרנדיק פון פוילן האָט די דעלעגאַציע באַזוכט שוועדן, וווּ זי האָט פאַרבראַכט צוויי טעג, און איז פון דאָרט געפאָרן קיין פראַנקרײַך. אין שוועדן ווי אין פראַנקרײַך האָט די דעלעגאַציע זיך געזען מיט וואַרשעווער פּליטים, וואָס האָבן זיך געניטיקט אין הילף. אין פראַנקרײַך האָט די דעלעגאַציע אויך באַזוכט די קינדערהיים אויפן נאָמען פון דעם אַמעריקאַנער פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט פרענקלין רוזוועלט. די היים, וואָס געפינט זיך אין לאַ וואָרען, לעבן פּאַריז, איז געקויפט געוואָרן מיט דעם געלט וואָס דער פרויען־אָפּטייל בײַם אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער יידן האָט געשאַפן.

דער פרויען־אָפּטייל איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון מערי פרידמאַן, סילווע פינקענטאַל, אסתר הוישאַרפט, חוה ווײַן, אַדעלע פרידמאַן, ס. ראַבינאָוויטש, רחל שנעק, רחל פעדערמאַן, א. שלאָמאָוויטש.

די דעלעגאַציע האָט אין לויף פון איר באַזוך איבערגעגעבן די ווײַטערדיקע סומעס געלט:

15 מיליאָן, 185 טויזנט זלאָטעס פאַר די וואַרשעווער יידן אין פוילן; צוויי און אַ האַלבן מיליאָן פראַנק פאַר די וואַרשעווער אין פראַנקרײַך און צוויי טויזנט 500 דאָלער פאַר די וואַרשעווער פּליטים אין שוועדן. גלײַכצײַטיק האָט זי צוגעזאָגט אַז דער וואַרשעווער קאָנסיל וועט ווײַטער פאָרזעצן צו שאַפן און אַריבערשיקן הילף אַזוי לאַנג ווי ס'וועט נויטיק זײַן.

צו יענער צײַט זענען געווען אָרגאַניזירט קאָמיטעטן פון וואַרשעווער לאַנדסלײַט אין וואַרשע, לאָדזש, ווראָצלאַוו, ריכבאַך, שטשעטשין; אין איטאַליע, אין פראַנקרײַך, אין די לאַגערן אין דײַטשלאַנד און אין ארץ־ישראל. דער אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער יידן איז מיט זיי אַלע געשטאַנען אין פאַרבינדונג און האָט פאָרגעזעצט צו העלפן די וואַרשעווער אין פוילן און אין אַנדערע לענדער.

דער באַריכט וואָס די דעלעגאַציע האָט צוריקגעבראַכט האָט אַרײַנגעגאָסן אַ שטראָם פון פרישן אימפּעט אין דער הילפסאַרבעט, ווי אין די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן פון דעם קאָנסיל, וועלכער פאַרנעמט אַ חשוב אָרט אין דעם יידישן לעבן בכלל, און איז באַזונדער אײַנפלוסרײַך אין דער אַרבעט פון דער אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון פּוילישע יידן.

## אָנדענק פון וואַרשעווער געטאָ ווערט הייליק אָפּגעהיט

וואָס ווײַטער מיר רוקן זיך אָפּ אין פּרט פון צײַט־שטח פון דער היטלער־תקופה און דער שוידערלעכסטער יידישער קאַטאַסטראָפע, אַלץ בולטער אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער העלדישער אויפשטאַנד פון דער שארית־הפליטה אין דעם וואַרשעווער געטאָ; אַלץ העלער שײַנט פאַר אונדז אויף די עפּאָפּעע פון דעם העראָיזם און מאַרטיראָלאָגיע, וואָס דאָס געטאָ האָט אַרײַנגעשריבן מיט בלוט און פײַער אין אונדזער דורותדיקער געשיכטע און אַלץ טיפער ברענט זי זיך אַרײַן ווי אַ גלאָררײַכע טראַדיציע אין דעם ווײַטערדיקן לעבן פון דעם יידישן פאָלק, אַ טראַדיציע וואָס וועט געטראָגן ווערן מיט פײַן און ווערדע פון דור צו דור.

דער 19טער אַפּריל 1943 איז גלײַכצײַטיק אַ דערמאָנונג פון דער אומשטערבלעכער צוואה וואָס די העלדישע מאַרטירערס פון דעם וואַרשעווער געטאָ האָבן איבערגעלאָזט פאַר דעם יידישן פאָלק; „נישט פאַרגעסן און נישט פאַרגעבן!"

דער אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער יידן איז געווען די ערשטע אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט אין דעם יידישן לעבן וואָס האָט אײַנגעאָרדנט אין ניו־יאָרק אַ גרויסע פאָלקס־הזכרה, אין אָנדענק פון דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס ווערט הייליק אָפּגעהיט יעדעס יאָר. אָט־די אײַנפירונג האָט באַווירקט אויך אַנדערע גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע שטעט איבער די פאַראייניקטע שטאַטן אײַנצואָרדענען געטאָ־פאַרזאַמלונגען אַרום דער דאַטע פון דעם 19טן אַפּריל.

אומפאַרגעסלעך איז דער טיפער רושם וואָס עס האָט געמאַכט די ערשטע פאָלקס־הזכרה דעם 19טן אַפּריל 1944 וואָס דער קאָנסיל האָט דורכגעפירט אין ניו־יאָרק. אײַנגעאָרדנט געוואָרן איז יענער געטאָ־דערמאָנונג אין דער וואַרשעווער שול, וואָס געפינט זיך אויף ריווינגטאָן־סטריט אין ניו־יאָרק. אָט וואָס עס איז וועגן אָט דעם ערשטן געטאָ־יאָרצײַט געווען געשריבן אין „אונדזער זשורנאַל" (סעפּטעמבער 1944):

„... פון דער וואַרשעווער שול האָט זיך אָנגעהויבן דעם לעצטן 19טן אַפּריל דער גרויסער גאַסנמאַרש צו ערן דעם אָנדענק פון די קדושים פון דעם וואַרשעווער געטאָ. עס איז געווען עטוואָס סימבאָליש אין דעם וואָס אַלע יידן פון פאַרשידענע טיילן פון ניו־יאָרק זענען אַראָפּגעקומען אין דער וואַרשעווער שול און זענען אין די צענדליקער טויזנטער געשטאַנען אין דרויסן, מחמת זיי האָבן ניט געקאָנט אַהין אַרײַנקומען. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו די רעדנערס, צו די שטימען וואָס געקומען פון דער שול אַרויס מיט דעם שאַרפסטן פּראָטעסט קעגן די וואָס האָבן נישט געראַטעוועט בײַ צײַטנס אונדזערע שוועסטער און ברידער, און באַזונדערס קעגן די נאַציישע באַרבאַרישע רוצחים."

פון דעמאָלט אָן ווערט יעדעס יאָר, אויף דער איניציאַטיוו פון דעם וואַרשעווער קאָנסיל און פון דער אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון פּוילישע יידן, אָרגאַניזירט אַ ברייטער פאַראייניקטער קאָמיטעט פון צענדליקער יידישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פאַר דעם אָנדענק פון דעם וואַרשעווער געטאָ. צו דער געלעגנהייט פון דעם צענטן יאָרטאָג (19טן אַפּריל 1953) האָט דער דערמאָנטער קאָמיטעט דורכגעפירט אַן אימפּאָזאַנטע פאָלקס־פאַרזאַמלונג און האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ווערדיקע שריפטלעכע זאַמלונג (אין יידיש

און ענגליש) וואָס טראָגט דעם נאָמען „דער אויפשטאַנד אין וואַר־שעווער געטאָ".

ווען די דעלעגאַציע פון דעם קאָנסיל האָט אין 1946 באַזוכט די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ האָט דער דיכטער קלמן פרידמאַן, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער דעלעגאַציע ווי דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דעם קאָנסיל, דעם זעלבן טאָג (8טן יוני 1946) אָנ־געשריבן אַ ליד „מײַן וואַרשע", וואָס האָט אויסגעדריקט דעם אומ־ענדלעכן, אומבאַגרײַפלעכן טראַגיזם פון דער אומגעבראַכטער, פאַר־ברענטער און פאַרטיליקטער היימשטאָט, די היים פון אַ פאַרשוווּנ־דענער יוגנט. אָט דאָס ליד, צו וועלכן דער באַוווּסטער מוזיקער (און וואַרשעווער לאַנדסמאַן), אַדאָלף מאָן, האָט אָנגעשריבן אַ רירנדיקע מעלאָדיע, ווערט — ווי אַן אײַנגעשטעלטע טראַדיציע — געזונגען יעדעס יאָר אויף פּאָלקס־הזכרות, אין אָנדענק פון דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

## אַ פּרווו צו צעברעכן דעם קאָנסיל

איידער מיר טרעטן צו צום לעצטן קאַפּיטל פון דער געשיכטע און ווירקונג פון דעם „אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער ייִדן" האַלטן מיר פאַר וויכטיק צו פאַרצייכענען אַ פּײַנלעכן עפּיזאָד, וואָס איז אַ געשיכטלעכער פאַקט אין די ראַמען פון אונדזער חשובער אָרגאַניזאַציע.

מיר האָבן אויבן דערמאָנט, פאַרבײַגייענדיק, אַז אַ קליינע גרופּע (גענוי — פיר) וואַרשעווער ייִדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן פון דעם סאַמע אָנהייב פון דער גרינדונג פון אונדזער קאָנסיל זיך אין אים נישט אָנגעשלאָסן און האָבן זיך אַלײַן געשטעלט מחוץ למחנה. אַלע ערנסטע באַמיִונגען וואָס זענען געמאַכט געוואָרן זיי אַריבער־צוגעווינען האָבן זיך נישט אײַנגעגעבן. און איינער פון די פירערס פון דעם קאָנסיל, וואָס האָט געמאַכט ערנסטע פּאַרזוכן אין דער ריכטונג, איז געווען דער איצט פאַרשטאָרבענער סעמיועל וואָהל, וועלכער איז פון דער סאַמע גרינדונג פון דעם קאָנסיל געווען זײַן פּרעזידענט, ביז אין מיטן 1947.

ויהי היום — און פּלוצלונג, גראָד ערב דעם פינפטן יערלעכן צוזאַמענפאָר פון די וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפטן וואָס דער קאָנ־סיל האָט אײַנגעאָרדנט, האָט סעמיועל וואָהל פאַרעפנטלעכט אַ דערקלערונג אַז ער נעמט מער ניט אָן דעם אַמט פון פּרעזידענט צוליב פּערזענלעכע מאָטיוון.

דעם זעלבן טאָג האָט ער פאַר די פאַרזאַמלטע דעלעגאַטן און געסט אויפן צוזאַמענפאָר זיך אַרויסגעזאָגט אַז מען דאַרף דעם קאָנסיל מער ניט האָבן און האָט פאַרענדיקט מיט אַ ווענדונג צו די דעלעגאַטן, אָנצונעמען אַ באַשלוס אויף דעם צוזאַמענפאָר (מײַ 1947) אויפצולייזן דעם קאָנסיל.

דער צוזאַמענפאָר האָט מיט פאַרדראָס אָפּגעוואָרפן אָט די אומגעבעטענע און אומגעריכטע „עצה", און באַשלאָסן אַז די פראַגע וועגן פאַרזעצן צו שאַפן הילף אָדער נישט זאָל אַריבערגיין צו דער נײַער אַדמיניסטראַציע, וואָס וועט אויף דעם צוזאַמענפאָר דערוויילט ווערן. ווען וואָהל האָט געזען די שטימונג פון די דעלעג־גאַטן קעגן זײַן רעקאָמענדאַציע, האָט ער געלאָזט וויסן אַז ער איז גרייט ווידער אַ מאָל אָנצונעמען דעם פּרעזידענט־אַמט. די כוונה זײַנע איז געווען — ווי זײַן ווײַטערדיקע האַנדלונג האָט עס באַ־שטעטיקט — צו שטערן די אַרבעט פון דעם קאָנסיל פון אינע־ווייניק.

אויף דער ערשטער זיצונג פון דעם נײַ־געוויילטן קאָמיטעט, דעם 3טן מײַ, איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס אַז דער קאָנסיל זאָל ווײַטער אָנגיין מיט זײַן הילפסאַרבעט. אָבער גלײַכצײַטיק איז קלאָר געוואָרן דעם אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט אַז כוחות „פון דרויסן" זענען שטאַרק פאַראינטערעסירט אַז דער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער ייִדן זאָל צעבראָכן ווערן און ס'איז געפאַלן מער ווי אַ חשד, אַז מיסטער וואָהל האָט געהאַט אַ האַנט אין דער שטילער פאַרשווערונג; אַז ער פירט דאָ אויס אַ געהיימע שליחות. די סיטואַ־ציע האָט דערגרייכט אַ פּונקט ווען די טוערס און מיטגלידער פון דעם אַדמיניסטראַטיוון ראַט בײַם קאָנסיל האָבן געזאַמלט אונטער־שריפטן אויף אַ פּעטיציע וואָס האָט געפאָדערט אַז סעמיועל וואָהל זאָל רעזיגנירן פון זײַן אַמט.

וואָהל האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם אַז עס צירקולירט אַ פּע־טיציע וואָס איז אין דער אויסדרוק פון אַ באַוועגונג אים אַרונטערצו־זעצן פון זײַן אַמט, האָט ער אויף אַ זיצונג פון דעם אַדמיניסטראַ־טיוון ראַט, איידער די פראַגע פון דער פּעטיציע איז אויפגענומען געוואָרן, דערקלערט אַז ער רעזיגנירט. דערבײַ האָט ער, פאַרשטענד־לעך, ווידער אַ מאָל אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג אַז דער וואַרשעווער קאָנסיל זאָל אויפהערן די הילפסאַרבעט און זאָל זיך אויפלייזן.

אָט די פּראָפּאַגאַנדע וועגן אָפּשטעלן הילף, דער עיקר צו דעם ייִדישן יישוב אין פּוילן, איז אין יענער צײַט (1947—1948) גע־ווען דער קורס פון העצעס מצד דעם רעאַקציאָנערן לאַגער אין דעם היגן ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס איז דער זעלבער לאַגער וועלכער האָט פּונאַנדערגעבלאָזן צווישן די ייִדן אין די מזרח־אײראָפּעיִשע לענדער די פּראָפּאַגאַנדע פון „יציאת־אייראָפּע" און ספּע־ציעל „יציאת־פּוילן".

מיסטער וואָהלס מאָטיוון פאַר רעזיגנירן, ווי ער האָט זיי דעם 21טן סעפּטעמבער, עטלעכע טעג נאָך זײַן רעזיגנאַציע, דערקלערט אין „אַן אָפענעם בריוו", זענען געווען אָריענטירט אויף די ווײַ־טערדיקע 4 פּונקטן:

1. אַז ס'איז שוין מער נישטאָ קיין „עמווירדזשענסי" (דרינ־גענדיקע נויטווענדיקייט) צו העלפן אונדזערע וואַרשעווער לאַנדס־לײַט. אויף דעם האָט דער קאָנסיל געענטפערט, אַז ס'קומען נאָך הילפסרופן פון וואַרשעווער ייִדן אין „די־פּי"־קעמפּס אין פראַנק־רײַך; פון וואַרשעווער וועלכע זענען אַריבערגעפאָרן קיין ישראל, און אַז אוודאי נייטיקן זיך אין הילף די קינדער־יתומים, וואָס גע־פינען זיך אין די קינדערהיימען וואָס מיר האָבן געגרינדעט.

2. וואָס איז שײַך די באַאַמטע פון אונדזער קאָנסיל, האָבן מיר אָנגעוויזן אַז קיין איינער פון זיי קריגט נישט קיין געהאַלט און אַז קיין סענט געלט ווערט פאַר דעם צוועק נישט געזאַמלט און נישט פאַרנוצט.

3. די צײַט פאָדערט פולע אָנשטרענגונג פאַר ישראל — האָט מר. וואָהל אַרגומענטירט. אונדזער ענטפער איז געווען אַז טאָקע דערפאַר שיקן מיר הילף צו אונדזערע וואַרשעווער לאַנדסלײַט וואָס געפינען זיך דאָרטן.

4. אַז די לינקע עלעמענטן פון פראַטערנאַלע צווײַגן, וועלכע זענען אָנגעשלאָסן אין דעם קאָנסיל, זענען נישט אויסן הילפסאַר־בעט נאָר פּערזענלעכע פּאָליטישע צוועקן. אונדזער ענטפער אויף אָט דער משונהדיגער אַרגומענטאַציע איז געווען אַז אין אונדזער געמיינשאַפטלעכער הילפסאַרבעט האָבן מיר קיין מאָל נישט אַרײַנ־געבראַכט קיין פראַגעס וועגן רעכטע אָדער לינקע. די אָריענטאַציע

איז — שאַפן הילף פאַר וואַרשעווער ייִדן, כל־זמן זיי נייטיקן זיך דערין.

מיט צופרידנקייט דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז די אַלע מאַנעוורעס פון אינעווייניק און העצער און בלבולים פון דרויסן, וואָס זענען געווען געריכטעט קעגן אונדז, האָבן דעם אַמעריקאַנער קאָנסיל פון וואַרשעווער ייִדן נישט אומגעבראַכט און זײַן ראָלע אין דעם אַמעריקאַנער ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן נישט אָפּגעשוואַכט.

ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז ענדערונגען וואָס די צײַט האָט אַרײַנגעבראַכט אין דעם לעבן פון דעם ייִדישן ייִשוב אין פּוילן ווי אין דעם לעבען פון די וואַרשעווער פּליטים אין אַלע אַנדערע לענדער, אײַנשליסנדיק יענעם טייל וואָס איז געקומען קיין ישראל זיך דאָרט צו באַזעצן, האָבן אויך נאַטירלעכערווײַז געבראַכט ענדערונגען אין די טעטיקייטן פון קאָנסיל. אויף וויפיל דער ייִדישער ייִשוב אין פּוילן האָט, אין די ראַמען פון דעם אַלגעמיינעם אויפבוי און עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון פּוילן גופא, זיך אײַנגעאָרדנט און נאָרמאַליזירט זײַן לעבן, אויף אַזוי פיל איז שטופנווײַז כסדר פאַרקלענערט געוואָרן די באַדערפעניש אין הילף פון דרויסן און אין דער מאָס איז די הילף פון דעם „אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר די וואַרשעווער ייִדן" אין פּוילן כסדר פאַרשמעלערט געוואָרן, ביז זי האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעשטעלט. און דאָס זעלבע בנוגע די וואַרשעווער פּליטים אין די אַנדערע לענדער, אײַנשליסנדיק פראַנקרײַך. אויך דאָרט האָבן די וואַרשעווער ייִדישע פּליטים זיך טיילווײַז אײַנגעאָרדנט אויף די ערטער וווּ זיי זענען געווען, אָדער זיי זענען אַוועקגעפאָרן, ווער קיין פּוילן, ווער קיין קאַנאַדע, קובא אָדער ערגעץ אַנדערש, און אַ טייל — קיין ישראל.

דער אַמעריקאַנער קאָנסיל זעצט נאָך פאָר הײַנט (אין מיטן 1954 דאָס שיקן פעקלעך שפּײַז און אַנדערע הילף צו די וואַרשעווער פּליטים אין ישראל און האָט אויפזיכט איבער אַ קינדערהיים, וואָס ווערט אָנגעפירט פון דער אגודת תרבות לעם אין תל־אביב.

## די געזעלשאַפטלעכע ראָלע פון דעם קאָנסיל אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן

אין משך פון די עלף יאָר זינט דער אַמעריקאַנער קאָנסיל פאַר וואַרשעווער ייִדן האָט זיך געגרינדעט האָט ער פאַרצייכנט אַ גלאָררײַכן קאַפּיטל ווי אַ וואַכזאַמע און אחריותדיקע ייִדישע לאַנדסמאַנשאַפט־צענטראַלע, נישט נאָר אַלס הילפסקערפּערשאַפט פאַר די ייִדן אין וואַרשע און פאַר וואַרשעווער ייִדן אין אַנדערע לענדער, נאָר ער האָט אויך אַ סך בײַגעטראָגן, ווי אַ פּאָזיטיווער און קאָנסטרוקטיווער כוח, צום אַלגעמיינעם ייִדישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. באַזונדער האָט אין די אַלע יאָרן זיך געפילט אין דעם לעבן און ווירקן פון דער פעדעראַציע פון די פּוילישע ייִדן אין אַמעריקע דער קאָלעקטיווער כוח און השפעה פון דעם קאָנסיל.

מיט באַזונדערער אחריות און ווערדע האַלט אָן דער קאָנסיל די יאָר־טעג אין אָנדענק פון דעם העלדישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. דורך זײַן ערנסטער און ווערדיקער באַציִונג צו אָט דער הערלעכסטער עפּאָפּעע פון ייִדישן העראָיִזם אין אונדזער דור, וואָס ער דעמאָנסטרירט יאָר אײַן, יאָר אויס, בײַם אײַנאָרדענען און דורכפירן גרויסע און אימפּאָזאַנטע פאָלקס־הזכרות, האָט ער באַווירקט אַ סך גרויסע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשידענע ריכטונגען אין דעם אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן, צו אָרגאַניזירן אָנדענק־פאַרזאַמלונגען, געהייליקט דעם וואַרשעווער געטאָ.

אַחוץ די אַלע אויבן דערמאָנטע טעטיקייטן לטובת וואַרשעווער ייִדן אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער, ווי אַ הילפסקערפּערשאַפט, און אַחוץ דער ווונדערלעכער ברידערלעכער קאָאָפּעראַציע וואָס ער גיט דער אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון פּוילישע ייִדן, איז דער קאָנסיל אַ חשובער פּראָגרעסיווער כוח אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דעם היגן ייִדישן ייִשוב, און ספּעציעל אין דעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ניו־יאָרק — ווי אַ מיטבויער פון דער ייִדישער פּראָגרעסיווער קולטור און אַ קעמפער קעגן רעאַקציע, אַנטיסעמיטיזם און פאַר שלום און זיכערקייט.



